# פנקס

פאר דער געשיכטע פון
ווילנע אין די יארן פון
מלחמה און אקופאציע |
ארויסגעגעבן פון דער יידישער
היסטאריש־עטנאגראפישער
געזעלשאפט אויפן נאמען
פון ש. אנ־סקי ז״ל ||
אונטער דער אלגעמיינער
רעדאקציע פון זלמן רייזען
ביי דער רעדאקציאנעלער
קאלעגיע פון ד״ר אברהם
ווירשובסקי, ש. ל. ציטראן
און ד״ר צמח שאבאד
תרפ״ג - ווילנע - 1922

# פּ נ ק ס

## פאַר דער געשיכטע פון ווילנע אין די יאָרן פון מלחמה און אָקופּאַציע

ארויסגעגעבן פון דער היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט
אויפן נאָמען פון ש. אנ-סקי ז"ל

אונטער דער אַלגעמיינער רעדאַקציע פון זלמן רייזען.

ביי דער רעדאַקציאָנעלער קאָלעגיע
פון ד"ר אברהם ווירשובסקי, שמואל-לייב ציטראָן און ד"ר צמח שאַבאַד

תרפ"ג ווילנע 1922

דרוקעריי ב. ציונסאָן און קאָמפּ., ווילנע, טראָקער 13.

[illegible] אנדיינק פון ווילנע.

צום אנדיינק:
פאר די [illegible]
[illegible]
פון [illegible]
ווילנע.
[illegible] חשון, תרפ[illegible]

דעם אָנדענק פון

**שלמה-זאַנוול ראַפּאָפּאָרט ז"ל,**

דעם גרינדער פון דער יידישער היסטאָריש-
עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אין ווילנע, איז
דער דאָזיקער „פנקס" געהייליקט.

# אינהאַלט:


ז.

הקדמה — זלמן רייזען I
איבערזיכט — ד״ר צ. שאַבאַד 1
ווילנע אין וועלטקריג — ד״ר י. וויגאָדסקי 41
צוואַנגסאַרבעט בעת דער דייטשער אָקופּאַציע — ד״ר י. וויגאָדסקי 67
דאָס פאָלקסגעזונט און דער מעדיצינישער לעבנסשטייגער אין ווילנע בעת דער דייטשער אָקופּאַציע — ד״ר א.ווירשובסקי 81
דער הונגער און דער יקרות — חייקל לונסקי 109
די שטערבלעכקייט און די געבורטן פון די יידן אין ווילנע פאַר די יאָרן 1911—1920 — ד״ר צ. שאַבאַד 133
די דייטשן אויף די ערטער — ה. אַבראַמאָוויטש 205
נאָך דער דייטשער אָקופּאַציע — י. בעקער 233
10 נאָוועמבער 1918 — 19 אַפּריל 1919 אין ווילנע — מ. פופּס 265
די פּוילישע אָקופּאַציע און די יידן — ש. גאָרדאָן 279
זכרונות פון די אַפּריל־טעג — ה. אַבראַמאָוויטש 325
זעקס וואָכן ליטע — א. י. גאָלדשמידט 337
ביטלליטע — בועז וואָלפסאָן 383
די פּויליש־ליטווישע אונטערהאַנדלונגען — ענסקי 409
ווילנע אין זומער 1921 — ענסקי 429
דער סוף פון מיטלליטע — ענסקי 437
דער יידישער האַנדל און אינדוסטריע אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע — יצחק ברוידעס 463
מסחר און אינדוסטריע אין דער עפּאָכע פון מיטלליטע — יונה שאַפּיראָ 499
די ווילנער זעלבסטפאַרוואַלטונג און די יידן — יונה שאַפּירא 513
ביכער, ספרים, אַרכיוון פאַר דער צייט פון די אָקופּאַציעס — י. הירשאָוויטש 545
זכרונות פון אַ יידישן בוכהענדלער — ש. שרעבערק 557
די יידישע פּרעסע אין ווילנע צייט דער מלחמה — א. י. גאָלדשמידט 571
די העברעאישע פּרעסע און ליטעראַטור צייט דער מלחמה — ש. ל. ציטראָן 613
די קונסט אין ווילנע — משה לייבאָווסקי 619
באַקאַנטמאַכונגען, פאַראָרדענונגען, דעקרעטן און באַפעלן — י. ברוידעס — ח. לונסקי 629

ז.

די מוזיק אין ווילנע — א. מ. בערנשטיין 683
דער יידישער קולטור־פאַראיין אין ווילנע — ב. האַלפּערן 689
יידישע קאָאָפּעראַציע אין ווילנע — ה. מלמד 701
דער יידישער צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע (צ. ב. ק.) — י. רובין 715
ווילנער יידישער לערער־פאַרבאַנד — ש. באַסטאָמסקי 725
8־קלאַסיקע פאָלקסשול פאַר יינגלעך „מפיצי השכלה" — י. גורעוויטש 735
די ערשטע יידישע רעאַל־גימנאַזיע אין ווילנע 755
די גמנסיה עברית — מ. י. נאַדעל 757
די ווילנער שטאָטישע תלמוד־תורה — מ. סעניצקי 761
תורת־אמת — ש. אַייזיקאָוו 765
די קינדער־ביבליאָטעק ביים יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע — חנה ווייסבאָרד 767
די יידישע סטודענטנשאַפט אין ווילנער אוניווערסיטעט פאַר די יאָרן 1919—1922 — פּנחס קאָהן 773
די 2־יאָריקע פּעדאַגאָגישע קורסן אין ווילנע — ל. ברודנאָ 811
דער ווילנער יידישער דאָקטוירים־פאַראיין — ד״ר שומעלישסקי 827
דער ווילנער יידישער שפּיטאָל — ד״ר א. ווירשובסקי 829
„משמרת־חולים" — א. קאַבאַטשניק 833
צענטראַלער יידישער האַנטווערקער־פאַראיין אין ווילנע — אליעזר קרוק 837
די ווילנער פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון פאַר די ערשטע צוויי יאָר (1919 — 1921) 839
די ווילנער ליי־און שפּאָר־קאַסע — ב. האַלפּערן 845
די טעטיקייט פון „אָזע" אין ווילנע — ד״ר י. ראַפּעס 849
„אָרט" 851
די יידישע היסטאָריש־עטנאָגראַפישע געזעלשאַפט — ח. לונסקי 855
„יעקאָפּאָ" 865
די ייִדיש־וועלטלעכע שולן אויף דער פּראָווינץ — א. גאָלדמאַן 869
אַמאָליקע חתונות — י. זיזמאָר 873
מיינע זכרונות וועגן בדחנים — י. זיזמאָר 875

ביילאַגע:

מאַטעריאַלן צום יידישן פאָלקלאָר — ש. באַסטאָמסקי 879




# תּיקון=טעות.

ז. 147, שורה פון אויבן 21, אָנשטאָט — ווי ביי שכנים — לייענען „ווי ביי די שכנים"

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| „ | 153, 3 קאָלאָנע רעכטס | | | | |
| | טאַב. V | „ | GM | „ | M |
| „ | 168, טאַב. X̌ן 1=טע קאָלאָנע | | | | |
| | לינקס, יאָר 1917 | „ | 46,2 | „ | 646,2 |
| | „ 1918 | „ | 659,5 | „ | 157,5 |
| | „ 1919 | „ | 183,0 | „ | 83,0 |
| „ | „ שורה 2 אויבן | „ | 159,5 | „ | 157,5 |

אויף זייט 305, שורה 3 פון אויבן, איז דאָס וואָרט „פּאָגראָם" אַ טעות, וועלכן מיר קענען ליידער ניט פאַרריכטן, ניט האָבנדיק אונטער דער האַנט דעם אָריגינאַל פון מאָרגנטויס באַריכט; אַלנפאַלס אָבער איז זיכער, אַז אין דעם דאָזיקן באַריכט איז דאָס וואָרט „פּאָגראָם" ניט דערמאָנט.

# הקדמה.

אין אַ בלוטיק-ערנסטער צייט, אין אַ צייט פון פּאָליטישן בין-השמשות, אויף דעם שיידוועג פון געשיכטלעכע תקופות — איז אויפגעשוואומען דער געדאַנק וועגן אַ פּ נ ק ס, אַן אויסגאַבע, וואָס זאָל פאַרצייכענען דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט און דורכגעמאַכט פאַר די היסטאָרישע יאָרן פון דער מלחמה און די כּלערליי אָקופּאַציעס. און ס'איז ניט קיין וואונדער, וואָס דער דאָזיקער באמת גרויסער געדאַנק איז אויפגעקומען דווקא אין ווילנע: איז דאָך ווילנע ניט נאָר געווען, נאָר אויך עד-היום געבליבן דער אַלטער, אָבער זיך שטענדיק באַנייענדיקער קולטור-צענטער, וואָס שיינט צו דער גאַנצער יידישער וועלט מיט דעם אָרעאָל פון ירושלים דליטא, מיט דעם רום פון דער שטאָט, וועלכע האָט אין דעם חילוף פון דורות און שטרעמונגען ניט אויפגעהערט צו זיין דאָס וויגעלע פון מעכטיקע יידישע באַוועגונגען.

ווילנע — די שטאָט, וואו די מאַכט האָט זיך פאַר די לעצטע 8 יאָר געביטן 9 מאָל, וואו די באַפעלקערונג האָט איבער-געלעבט די שרעקלעכסטע צרות פון דער מלחמה, די עוואַקואַציע בעת די רוסן, דעם הונגער בעת די דייטשן, די גרויזאַמע צוואַנגס-אַרבעט, פּאָגראָם און נגישות, לאַנגע יאָרן רואינירט ביזן גרונד, לאַנגע יאָרן איזאָלירט און אָפּגעשלאָסן פון דער גרויסער וועלט און אפילו פון דער נאָענטער סביבה; די שטאָט מיט דער קליין געוואָרענער יידישער באַפעלקערונג, מיט אירע אָרים געבליבענע כּוחות און מיטלען — האָט דאָך באַוויזן ווי אַ לייכט-טורים צו דערהייבן זיך איבער אירע גרעסערע, רייכערע, גליקלעכערע שוועסטער-שטעט.

דווקא אין די טרויעריק-שווערע צייטן האָט די יידישע ווילנע געבראַכט צו אַנטפּלעקונג דעם גרויסן גייסטיקן כּוח, וואָס האָט אַלעמאָל געשטעקט אין איר, אַרויסווייזנדיק זיך אויף די פ רשיידנסטע אופנים פון יידישן לעבן און שאַפן.

אין די שווערסטע צייטן, אין די טעג פון שרעקלעכן פּיין און צער, איז ניט אָפּהענטיק געוואָרן די האַנט פון די בויער, האָט זיך ניט אויסגעלאָשן דער גייסט פון די וויטזעער, איז ניט אַנטשוויגן געוואָרן דאָס קול פון די וועקער—און עס איז געשעען:

אַ לופט, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט יידישן קאָלעקטיוון שאַפן, אַזוי ווי קיינער ניט פון די אַנדערע יידישע צענטערס; אַ באָדן, וואָס איז פאַרזייט מיט טיף פאַרוואָרצלטע יידישע זאָמען; אַ רעזערוואואַר, וואָס זאַמלט חיות און יניקה פאַר די פאַר-דאַרטע און פאַרטריקנטע צווייגן פון דעם צעריסענעם און צעשפּליטערטן יידנטום,—דאָס איז ווילנע אפילו אין די צייטן פון דער וועלט-מלחמה און דער נאָך-מלחמה.

אַ געדיכטע נעץ יידישע שולן, יידישע ניט נאָר אויפן נאָמען, ניט נאָר — ווייל באַשטימט פאַר יידישע קינדער; יידישע אין תוך, מיט שפּראַך, גייסט, אַטמאָספערע; שולן פון אַלע מדרגות, אָנגעהויבן פון דעם קינדערגאָרטן און קינדערהיים און אויסגעלאָזט מיט גימנאַזיעס, מיט פּעדאַגאָגישע קורסן און לערער-סעמינאַרן (יידישע און העברעאישע), מיט פּרעבעל-קורסן און פּאָליטעכנישע קורסן, מיט פאָלקס-אוניווערסיטעטן און אווענט-קורסן — פאַר אַרבעטער, פאַר עלטערן, פאַר קינדער!

אַ ריי זשורנאַלן — פאַר קליינע קינדער („גרינינקע ביימעלעך"), פאַר עלטערע („דער חבר"), פאַר לערער („די נייע שול"), פאַר עלטערן („שול און היים"); אויסגאַבן פאַר אַלגעמיינער ליטעראַטור און פּובליציסטיק.

געזעלשאַפטן און פאַראיינען פאַר אַלע געביטן פון יידישן שאַפן און בויען: היסטאָריש-עטנאָגראַפישע געזעלשאַפט, צענטראַלע יידישע שול-אָרגאַניזאַציע, צענטראַלער יידישער בילדונגס-קאָמיטעט, „תרבות", קולטור-ליגע, געזעלשאַפט אָפּצובויען די חורבונות פון דער מלחמה („יעקאָפּאָ"), געזעלשאַפט פאַר יידישן פאָלקס-געזונט, געזעלשאַפט פאַר ערדאַרבעט און מלאכה, פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון, געזעלשאַפט פאַר יידישער פאָלקסמוזיק, יידישע טעאַטער-געזעלשאַפט, יידישע קונסט-געזעלשאַפט, יידישע דראַמאַטישע סטודיע, פאַראיין פון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן, יידישער טורן- און ספּאָרט-פאַראיין, יידישער דאָקטוירים-פאַראיין, יידישער לערער-פאַרבאַנד, שטראַשון-ביבליאָטעק, ביבליאָטעק „מפיצי-השכלה", די גראַנדיאָזע פּראָפעסיאָנעלע שול „הילף דורך אַרבעט" א. אַז. וו. א. אַז. וו.—דאָס איז דער באַלאַנס פון יידישער אַרבעט און יידישן אויפטו אין ווילנע פאַר די יאָרן, וואָס זיינען אויסערגעוויינלעך ניט נאָר אין דער געשיכטע פון אונזער קיבוץ, נאָר אויך היסטאָריש פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

פאַררעגיסטרירן די דאָזיקע אַרבעט, פאַרצייכענען די אומשטענדן און די באַדינגונגען, ביי וועלכע זי איז פאָרגעגאַנגען, דערציילן וועגן די מפּלות און די נצחונות, וואָס אַ יידישער קולטור-צענטער האָט געהאַט פאַר דער דאָזיקער היסטאָרישער צייט,—

דאָס איז געווען דער געדאַנק. פון די „ווילנער זאַמלביכער"*); דאָס איז אויך געווען דער געדאַנק פון די אויפטוער פון „פנקס".

באַלד מיט 3 יאָר צוריק איז דער דאָזיקער געדאַנק אויפגעשוואומען, און דער סעקרעטאַר פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט, חייקל לונסקי, דער שומר פון דער אַלטער ווילנער יידישקייט, האָט דעם דאָזיקן געדאַנק געטראָגן צו די, וואָס אין זייער מאַכט איז געלעגן אים צו רעאַליזירן. אַ גרויסן פאַרדינסט ביי דער צוגרייטונגס־אַרבעט האָט געהאַט ה' משה שאַליט, וועלכער האָט צוזאַמען מיט דער קאָלעגיע פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט (ד"ר א. ווירשובסקי, ש. ל. ציטראָן, ד. קאַפּלאַן־קאַפּלאַנסקי און ד"ר צ. שאַבאַד) אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן פון „פנקס", און אין אָנהייב 1921 איז מען צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

העכער אָנדערהאַלבן יאָר האָט די דאָזיקע אַרבעט געדויערט, ביי גרויסע מאַטעריעלע און אינווייניקסטע מניעות. און איז די פּאָרט ענדלעך צום אָפּשלוס געקומען, מוז געזאָגט ווערן, אַז ניט אַלץ פון דער פאָראויס אָנגענומענער פּראָגראַם איז אויסגעפירט געוואָרן. ביי אַ ווערק פון אַזאַ פאַרנעם איז אוממעגלעך געווען אויסצורעכענען אַפריער פּרט און דעטאַיל, מ'האָט אויך ניט געקענט אָפּהיטן די גענויע פּראָפּאָרציע. דערמיט דערקלערט זיך, וואָס מאַנכע ענינים זיינען באַהאַנדלט צו באריכות, בשעת ווען אַנדערע זיינען אינגאַנצן ניט באַרירט געוואָרן. אַ גרויסע שולד טראָגן אויך די מיטאַרבעטער, וואָס האָבן זיך אָנגענומען צוצושטעלן אָפּהאַנדלונגען וועגן געוויסע געביטן פון יידישער טעטיקייט אין ווילנע און האָבן זייער התחייבות ניט ערפילט. דאָס איז אין אַ געוויסער מאָס אויך געווען די סיבה, וואָס דער „פנקס" האָט היבשלעך פאַרשפּעטיקט.

מער אָפּלייגן מיט דער אויסגאַבע האָט מען שוין אָבער ניט געקענט, און די רעדאַקציע פון „פנקס" האָט געמוזט אָננעמען פאַר גוט, וואָס אין „פנקס" פעלן אָפּהאַנדלונגען און באַריכטן איבער אַ סך וויכטיקע זייטן פון דעם געזעלשאַפטלעכן, קולטורעלן און רעכטלעכן לעבן פון די יידן אין ווילנע פאַר דער באַהאַנדלטער צייט. אויך האָט די רעדאַקציע געמוזט מוותר זיין אויף דער אַכתחילהדיקער כוונה צו געבן אין „פנקס" די היסטאָריאָגראַפיע ניט נאָר פון ווילנע, נאָר אויך פון גאַנצן ווילנער קאַנט. וואָרים אין לויף פון דער אַרבעט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויסשעפּן דעם אומגעהייערן שטאָף פון איבערגעלעבטן און דורכגעמאַכטן איז אַבסאָלוט אוממעגלעך אין איין בוך, מעג עס זיין אפילו פון אַזאַ פאַרנעם ווי דער „פנקס". מיר האָבן אַלזאָ אויסגעלאָזט די מאַטעריאַלן, וואָס זיינען צוגעשטעלט געוואָרן פאַרן „פנקס" פון דער ווילנער פּראָווינץ. און אוודאי האָבן מיר שוין ניט געקענט אַריינעמען קיין שום באַריכטן פון די שכנישע יידישע כרכ'ן, ווי גראָדנע, ביאַליסטאָק, קאָווגע. מיר האָפן אָבער, אַז דער ביישפּיל פון ווילנער „פנקס" וועט אויך ווירקן אויף די דאָזיקע שטעט און אויף אַנדערע אָנצוהייבן עפּעס טאָן פאַר דער היסטאָריאָגראַפיע פון זייערע קהילות.

דאָס באַדויערלעכסטע אָבער איז, וואָס אפילו די היסטאָריאָגראַפיע פון ווילנע איז, ווי געזאָגט, פאָרגעשטעלט ניט אינגאַנצן. אמת, וועגן אויסשעפּן דעם גאַנצן מאַטעריאַל קען דאָך גאָר קיין רייד ניט זיין: עס האָט דען אַ שיעור — בפרט ביי באַגרעניצטע מעגלעכקייטן אין צייט, מיטלען און כוחות? אָבער דאָס, וואָס עס פעלן אַזעלכע אַרטיקלען, ווי אַלגעמיינע איבערזיכטן איבער דער קולטור־טעטיקייט אין ווילנע, איבער דער יידישער שול, איבער דעם יידישן טעאַטער, איבער דער יידישער ליטעראַטור, איבער דער מיליטערישער צענזור, איבער איינצלנע מאָמענטן פון דער דורכגעמאַכטער צייט, ווי די טעטיקייט פון דעם קאָמיסאַריאַט פאַר פאָלקסבילדונג, פון דער יידישער טעאַטער־געזעלשאַפט, פון דעם ערשטן יידישן מלוכה־טעאַטער, פון דעם דראַמאַטישן טעאַטער פון א. מאָרעווסקי, באַריכטן פון די באַזונדערע אַנשטאַלטן, שולן, קערפּערשאַפטן, — דאָס אַלץ ברענגט דערצו, אַז דאָס בילד, וואָס דער „פנקס" גיט וועגן דער יידישער אַרבעט אין ווילנע, איז ניט קיין פולשטענדיקס. ס'איז אָבער קיין אַנדער ברירה ניט געווען, און די יידישע היסטאָריש־עטנאָגראַפישע געזעלשאַפט וועט דאַרפן זאָרגן, אַז דער „פנקס" זאָל דערגאַנצט ווערן מיט קומענדיקע סופּלעמענטן.

אַ סך ענינים זיינען ניט אַריין אין „פנקס" צוליב דעם, וואָס זיי זיינען שוין באַהאַנדלט געוואָרן אין אַנדערע פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן. אַזוי, למשל, איז די טעטיקייט פון דער ווילנער קהילה באַהאַנדלט געוואָרן גענוג ברייט און אויספירלעך אין באַריכט, וואָס די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט אַרויסגעגעבן אין אַ באַזונדער בוך**); אַ ביסל מאַטעריאַל קען מען אויך געפינען אין דעם זאַמלבוך, וואָס די רעדאַקציע פון דער טעגלעכער צייטונג „אונזער טאָג" האָט אַרויסגעגעבן פאַר אַמעריקע, און אין דעם העפט פון משה שאַליטס אויסגאַבע „לעבן", וואָס איז ספּעציעל געווידמעט די מלחמה־יאָרן. מיר ריידן שוין ניט פון די פאַרשיידענע פּעריאָדישע אויסגאַבן, ווי אויך פון די פאַרשיידענע ביכער, וואָס איבערהויפּט די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן וועגן ווילנע.

אַ היבשער דעפעקט פון דער אויסגאַבע איז — וואָס אין „פנקס" זיינען ניט געבראַכט קיין אָריגינאַלן פון די דאָקומענטן, באַקאַנטמאַכונגען, דעקרעטן און באַפעלן, וואָס האָבן זיך ווי פון אַ שפּע־האָרן געשאָטן אויף די קעפּ פון די באַגליקטע איינוואוינער פון אָבאָסט, סאָוועטישע ווייסרוסלאַנד־ליטע, מזרח־קאַנטן, ליטע, מיטלליטע, א. אַז. וו.

עס וועט ערשט דאַרפן באַאַרבעט ווערן דער אַרכיוו פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט, ווי אויך אויסגעפאָרשט

*) „ווילנער זאַמלבוך", אונטער דער רעדאַקציע פון ד"ר צ. שאַבאַד, ערשטער באַנד, ווילנע, תרע"ז (1916), צווייטער באַנד, תרע"ח (1918).

**) באַריכטן וועגן דער טעטיקייט פון דער ווילנער קהילה פאַר דער צייט פון 1־טן יאַנואַר ביזן 15־טן אויגוסט 1920 מיט ביילאַגעס: א) די דינאַמיק פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ווילנע פאַר די לעצטע 25 יאָר, ב) באַריכטן פון דער בילדונגס־אָפּטיילונג, ג) די פיזישע אַנטוויקלונג פון די יידישע קינדער און אירע געזעצן לויט די ידיעות פון דער שול־מעדיצין אין ווילנע.

ווערן די אָפיציעלע אַרכיוון פון דער מלוכה*), כדי צו קענען פאַרעפנטלעכן די אַלע דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע פון ווילנע פאַר די באַהאַנדלטע יאָרן.

געוויס וואָלט דער „פּנקס" אויך געהאַט מער ווערט, ווען אין אים וואָלטן אַריינגעקומען מער זכרונות פון פּריוואַטע פּערזאָנען, וואָס זאָלן די פאַרגאַנגענע געשעענישן פון די דענקווערדיקע יאָרן אָפּשפּיגלען אין סוביעקטיווער באַלייכטונג, וואָס איז אַזוי וויכטיק, כדי צו שאַפן דעם גרונדטאָן פון דער דורכגעמאַכטער צייט.

צוליב טעכנישע סיבות זיינען מיר אויך געווען געצוואונגען אין דער פּאָרגעלייגטער אויפלאַגע אָפּצוזאָגן זיך פון צו געבן אין „פנקס" דעם זוכצעטל פון נעמען און ענינים. אָבער נאָך אַלעמען — וויפיל נאָך חסרונות און בלויזן מ׳זאָל ניט אויסרעכענען — דער „פנקס" איז דער ערשטער פּרוב אין זיין מין ווידער צו באַנייען אויף אַ מאָדערנעם אופן יענעם מנהג פון די אַלטע יידישע קהילות צו פאַרעגיסטרירן די פריידן און די ליידן, די ליידן, ליידער, מער ווי די פריידן, פון אַן אַלטער יידישער קהילה, וואָס איז פול נאָך מיט נייעם יונגן לעבן.

און אַלס ערשטער פּרוב וועט דער „פנקס" געוויס האָבן אַ גרויסן ווערט, ניט נאָר אַלס מקור פון וויכטיקע מאַטעריאַלן פאַר דער געשיכטע פון ווילנע אין איינער פון אירע באַדייטונגספולסטע היסטאָרישע תּקופות, נאָר אויך אַלס קולטור-אויפטו, וואָס קען אַרויסרופן ענלעכע איניציאַטיוועס אין אַנדערע צענטערס, וואו עס לעבט אונזער פאָלק.

און מיט דעם דאָזיקן באַוואוסטזיין האָבן מיר מוט פאָרצולייגן די דאָזיקע אַרבעט דער ברייטסטער יידישער עפנטלעכקייט פון דער גאַנצער וועלט.

* *

*

העכער אַכט יאָר טיילט אונז אָפּ פון יענעם מאָמענט, ווען איבער דער גאַנצער וועלט האָט זיך דורכגעקייקלט דער פּאַטאַלער אָנזאָג פון דעם אָנקומענדיקן חורבן. פיל, זייער פיל איז פאַר דער דאָזיקער צייט דורכגעמאַכט געוואָרן. עס זיינען געווען צייטן, ווען עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער הימל פאַלט אַראָפּ אויף דער ערד, אַז עס קומט אַ סוף צו דעם אַלעם, וואָס מיר האָבן מיט אַזוי פיל מי געבויט אין משך פון דורות. עס זיינען אויך געווען צייטן, ווען אונזער האַרץ האָט דורכגעצוקט אַ ברויזנדיק געפיל פון האָפענונג אויף אַ ניי לעבן און אַ נייער צוקונפט. דאָס לעבן אָבער איז געגאַנגען זיין וועג און אויך דער יידישער קיבוץ אין דעם דאָזיקן ווינקל פון מזרח-אייראָפּע איז ניט געשטאַנען אויף אַן אָרט. עס זיינען געווען גרויסע מפּלות, גרויסע חורבונות, גרויסע קאַטאַסטראָפעס; ס׳איז אָבער אויך פיל, זייער פיל געבויט געוואָרן.

די עוואַקואַציע פון דער צאַרישער אַרמיי האָט אונז מיט העכער 7 יאָר צוריק איבערגעלאָזט אַן אָרימע פאַרהונגערטע יידישע קהילה, אָן שום עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און קולטורעלע פּערספּעקטיוון. עס זיינען אָנגעקומען פינסטערע טעג פון נויט, הונגער און כּוראַדיקער פאַרשקלאַפונג. איבער די וויסטע גאַסן האָבן זיך געטראָגן פאַרשטיקטע קרעכצן פון די גוססדיקע.

אָבער דאָך האָט אין דער טיף געגליט דער בטחון אויף בעסערע טעג. און דאָס הייפל איבערגעבליבענע אינטעליגענץ האָט מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג געפירט די אַרבעט פאַר דער דערהאַלטונג פון דעם יידישן ישוב אין ווילנע און ביסלעכווייז-ביסלעכווייז איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער נייער גרויסער יידישער קולטור-בנין, וואָס האָט פון ווילנע אויס פאַרשפּרייט זיין שם וועיט און ברייט איבער דער גאַנצער יידישער וועלט.

דער יסוד פון דעם דאָזיקן בנין איז געווען די נייע יידישע שול, וואָס איז אויסגעוואַקסן פון דער נויט און פּיין פון די אַנטרונענע און היימלאָזע און שפּעטער געקומען צו דער הויכער מדרגה פון אַ גרויסער נאַציאָנאַלער דערגרייכונג. פון די בחפזון געגרינדעטע קינדערהיימען פאַר די עופעלעך פון די אומגליקלעך פאַריאָגטע פון זייערע אַלטגעזעסענע ערטער איז אויפגעקומען אַ יידישע שול-נעץ, וואָס איז דער שטאָלץ פון ירושלים דליטא, וואָס האָט אַלע נייטיקע שול-טיפּן, כּדי געקרוינט צו ווערן מיט דעם העכסטן ווערק פון שול-בויאונג — מיט דער יידישער הויכשול.

אכת, שווער, זייער שווער איז עס אָנגעקומען. די שולן, וואָס מ׳האָט אָנגעהויבן צו בויען אין די שווערסטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע, האָבן קוים געקענט עקסיסטירן; די שול-פאַרוואַלטונגען האָבן זיך געמוזט פאַרוואַנדלען אין אימפּרעסאַריאָס פון אונטערנעמונגען, פון קאָנצערטן, פון לאָטעריעס, עס איז אָנגעווענדט געוואָרן דער אַלטער מנהג פון יידישער צדקה — מאָנאַטלעכע מיטגלידס-אָפּצאָלן פאַר די שולן, אָבער ס׳האָט ניט געהאָלפן: די מאַטעריעלע לאַגע פון די לערער איז געווען זייער אַ שווערע, און די הילף פון אַ נזערע ברידער פון אַמעריקע, וועלכע פלעגט דאַרפן דורכגיין דורך אַ קאָנטראָלע פון די דייטשן, האָט ניט געטאָרט פאַרווענדט ווערן אויף קולטור, נאָר אויף ברויט פאַר די הונגעריקע. ווילנע האָט אָבער פאַרשטאַנען, ווי וויכטיק עס איז דווקא אין דעם מאָמענט ניט אָפּצולאָזן די קולטור-אַרבעט, און אחוץ דער שול-בויאונג האָט עס אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע געקאָכט אויך מיט לעקציעס, רעפעראַטן, טעאַטער-אויפפירונגען, קאָנצערטן פון יידישע פאָלקסלידער און ענלעכע פאַראַנשטאַלטונגען, וואָס האָבן עדות געזאָגט אויף דער אינטענסיווער אַרבעט פאַר דער יידישער קולטור.

---

*) וועגן די מלוכישע אַרכיוון אין ווילנע און זייער טעטיקייט פאַר דעם פּעריאָד 1914—1920 האָט פאַרעפנטלעכט אַן אַרבעט ה׳ וואַצלאַוו סטודניצקי, דער מלוכה-אַרכיוואַריוס, אין די Sprawozdania z czynnosci i posiedzen Polskiej Akademji Umiejętnosci באַנד XXVII, נומער 5, מאַי 1922.

די יונגע יידישע שול האָט שווער געליטן ניט נאָר פון דעם מאַנגל אין מאַטעריעלע מיטלען עס האָבן אויך געפעלט לערנביכער, און מיט אַ גוואַלדיקן אימפעט האָט מען זיך גענומען קנעטן די ציגל פאַר אונזער נייעם שול־בנין. וויפיל זיצונגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן, וויפיל קאָמיסיעס זיינען געבילדעט געוואָרן, וויפיל פּלענער און פּראָיעקטן זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן, ווי אַזוי וואָס בעסער צו העלפן אין דער גרויסער שול־בויאונג! מיט וואָס פאַר אַ אידעאַליזם און איבערגעגעבנקייט, מיט וואָס פאַר אַ ברען און התלהבות האָט מען עס געטאָן און מיט וויפיל גלויבן און בטחון! און אויב ניט אַלע פּלענער און פּראָיעקטן זיינען פאַרווירקלעכט געוואָרן, איז עס זיכער ניט געווען די שולד פון די פּיאָנערן פון אונזער יידישער שול!

און ניט נאָר שול אַליין: אין יענע צייטן איז אויך געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר דער קולטור־אונטערנעמונג, וואָס איר איז שפּעטער באַשערט געוואָרן צו שפּילן אַזאַ וויכטיקע ראָלע אין דער געשיכטע פון דעם מאָדערנעם יידישן טעאַטער, געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר דער „ווילנער טרופּע", וועלכע האָט צעטראָגן דעם שם פון דער יידישער סצענישער קונסט איבער אַלע ווינקלען פון אייראָפּע!

אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט, איזאָלירט אַפילו פון דער נאָענטער סביבה, צוגעשמידט צו איין אָרט, האָט זיך דער אַגנצער יידישער קיבוץ אין ווילנע עפּעס ווי ענגער באַהאָפטן אין דער אַרבעט. און אַז ס'זיינען אָנגעקומען נייע שטורמישע צייטן, האָט זיך די צונויפגעדריקטע ענערגיע צעגאָסן און עס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אַ האַסטיקער בויען. ווי גרויס זיינען, למשל, געווען די פּלענער, וואָס די יידישע קאָלעגיע ביים „קאָמיסאַריאַט פאַר פאָלקסבילדונג פון ליטע און ווייסרוסלאַנד"—האָט אויסגעאַרבעט פאַרוואַנדלען די שטראַשון־ביבליאָטעק אין אַ צענטראַלער יידישער ביבליאָטעק פאַר גאַנץ רוסלאַנד, גרינדן אַ גראַנדיאָזן פאַרלאַג פון לערנביכער, איבערזעצונגען, בעלעטריסטיק און וויסנשאַפט, אויפבויען דעם אין שטאָט־טעאַטער מיט גרויס פּאַראַד געעפנטן „ערשטן יידישן מלוכה־טעאַטער" אין אַ גרויסן קונסט־טעמפּל, אויפלעבן די יידישע קונסט א. אז. וו. א. אז. וו.

אין יענער צייט, אין די לעצטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע, בשעת אונטער דעם קראַך פון צאַרישן רוסלאַנד, הייבט אויך אָן צו פלאַצן דער געפּאַנצערטער פּראָנט פון דעם אָקופּאַנט, באַקומט ווילנע אַ צופלוס פון קולטורעלע ערשטקלאַסיקע כוחות: ש. אַנסקי ז"ל, א. ווייטער ז"ל, ש. ניגער—זיינען נאָך די שווערע נסיונות אין רוסלאַנד פול מיטן דראַנג צו אַרבעטן אויפן פרוכט־באַרן פעלד פון דער יידישער ווילנע. די גרינדונג פון דער קולטור־ליגע אויפן אָרט פון דער „חברה מפיצי השכלה", וועלכע האָט שוין ניט אַנטשפּראָכן די נייע באַדינגונגען פון קולטור־בויאונג; די עפענונג פון דעם פאָלקס־אוניווערסיטעט אין דעם הערלעכן בנין אויף פּאָליצײ־גאַס, דעם געוועזענעם לאָקאַל פון דער „דוואָריאַנישער פאַרזאַמלונג"; די איניציאַטיווע פאַר דער אויפלעבונג פון ווילנע אַלס יידישער ליטעראַטור־צענטער; די באַנייאונג פון דער יידישער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט,—דאָס אַלץ איז נאָר אַ קליינער טייל פון דעם, צו וואָס מ'האָט זיך גענומען מיט פרישע כוחות ביי די נייע פּאָליטישע באַדינגונגען. פאַר דער יידישער קולטור־טעטיקייט אין ווילנע האָבן זיך פּלוצלונג דאַן געעפנט ברייטע פּערספּעקטיוון, וועקנדיק גרויסע האָפענונגען אויף קולטורעלער דערהייבונג.

די דאָזיקע האָפענונגען זיינען ניט צערונען אפילו נאָך דער איבערגעלעבטער טראַגעדיע פון די אַפּריל־טעג פון יאָר 1919. אין דעם איבערגאַנגסמאָמענט האָבן געשטעקט אַ סך מעגלעכקייטן פאַר דער יידישער קולטור, און אויב די דאָזיקע אַלע מעגלעכ־קייטן זיינען ניט אויסגעניצט געוואָרן אין דער מאָס, ווי דאָס האָט געקענט געשעען, איז עס די שולד פון די עלעמענטן אונזערע, וואָס האָבן זיך דורך די לאַנגע יאָרן פון דער אָקופּאַציע אַלץ ניט אָפּגעזאָגט פון גראַוויטאַציע צו דער אויסערלעכער קולטור פון דעם הערשנדיקן פאָלק און זיך ניט אָנגעשלאָסן אָן דעם נאַציאָנאַל לעבנדיקן און נאַציאָנאַל שאַפנדיקן יידישן קאָלעקטיוו. דאָך זיינען דאַן געשאַפן געוואָרן אַזעלכע וויכטיקע אינסטיטוציעס, ווי צ. ב. ק., צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע (וועלכע האָט אַרויסגעגעבן אַ גאַנצע ריי זשורנאַלן פאַר די יידישע שולן) א. אז. וו.

אין דער קורצער צייט פון דער ליטווישער ממשלה האָבן זיך געוועבט נייע האָפענונגען פאַר דעם יידישן קיבוץ אין ווילנע. די פּערספּעקטיווע צו ווערן די הויפּטשטאָט פון דער ניי־געבוירענער ליטע, אין וועלכער די יידן האָבן געזאָלט שפּילן אַזאַ וויכטיקע ראָלע, האָט באַפליגלט מיט די אויסזיכטן פון אַזוי פיל מעגלעכקייטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור! קאָנקרעט איז שוין לייכטער געוואָרן דערמיט, וואָס גלייך זיינען די יידישע שולן אַריינגענומען געוואָרן אין דעם מלוכה־ביודזשעט און פון די לערער איז אַראָפּ די זאָרג פאַר דער מאַטעריעלער אויסהאַלטונג פון די שולן, אַ זאָרג, וואָס האָט זיך געלייגט אויף דער שול־בויאונג ווי אַ שווערע משא.

אויך אין די צייטן פון מיטלליטע האָט זיך געפילט אַ האָפערדיקייט בנוגע די אויסזיכטן פון דער יידישער קולטור־אַרבעט אין ווילנע. דער פּוילישער צד האָט געזוכט צו געווינען די יידישע באַפעלקערונג אין דעם ליטוויש־פּוילישן קאָנפליקט פאַר ווילנע און האָט געמאַכט חנדלעך די יידן. קאָנקרעט איז זיי גאָרנישט געגעבן געוואָרן, און אפילו די רעגירונג־סובסידיע פאַר די יידישע שולן איז געווען אַ נישטיקע. אמת, אַ פעלער איז געווען, וואָס די יידישע לערערשאַפט האָט ניט אָנגענומען די איינלאַדונג פון דער מיטלליטווישער רעגירונג צו שיקן אַ פאָרשטייער אַלס פאַרוואַלטער פון אַ יידישער שול־סעקציע אין בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט; אָננעמען די דאָזיקע איינלאַדונג—האָט זיך געדאַכט—איז אַלץ איינס ווי אָנערקענען זשעליגאָווסקין, אַ זאַך וואָס איז דאַמאָלסט פּסיכאָלאָגיש געווען אוממעגלעך. אָבער דער קאַמף פאַר אונזערע נאַציאָנאַלע רעכט האָט אין דער צייט פון מיטלליטע אויסגעזען עפּעס ניט אַזוי שווער, אָט־אָט ווערט ער געוואונען!—און דאָס האָט צוגעגעבן מוט די קולטור־בויער, און די קולטור־טעטיקייט איז ניט שוואַכער געוואָרן אַפילו אויף אַ האָר.

מיטן אַקט פון פאַראייניקן דעם ווילנער קאַנט צו פוילן, האָט אין אַ געוויסער מאָס אויפגעהערט דער איבערגאַנגס־כאַראַקטער אין אונזערע פאַרהעלטעניש, דאָס לעבן האָט אָנגעהויבן אַריינצוגיין אין דער נאָרמע, די עקאָנאָמישע לאַגע איז געוואָרן בעסער. און דווקא איצט פילט זיך אַ טיפער קריזיס אין דער יידישער בויאונג, אַ קריזיס, אויף וועלכן מ׳טאָר ניט פאַרמאַכן די אויגן. די שיכט פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס איז געגאַנגען אין אַוואַנגאַרד פון דער יידישער קולטור־אַרבעט, איז מיד, אויסגעמאַטערט; פאַרקערט, דער אַנדערער טייל, דער אויפגעקומענער, האָט פאַרגעסן די נויט, האָט פאַרלאָרן דאָס געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, און שווער איז געוואָרן דעם נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיניקן טייל פון דעם יידישן כלל אין ווילנע צו טראָגן אויף זיך די נויטן, וואָס באַפרידיקן זיי ליגט אין דער יכולת סיידן פון דער מלוכה.

און דער קאַמף פאַר דער אָנערקענונג פון אונזער נאַציאָנאַליטעט מיט אַלע קאָנסעקווענצן פון דער דאָזיקער אָנערקענונג איז נאָך ביי דער מלוכה ניט געוואונען און, ביי דעם ווידערשטאַנד פון דער פוילישער רעאַקציע, שווער, זייער שווער צו געווינען. די יידישע געזעלשאַפט מוז נאָך מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונגען, כדי אויסצוהאַלטן די אַלע אַנשטאַלטן, וואָס וועלן סוף־כל־סוף מוזן אונטערשטיצט ווערן פון דער מלוכה און מוניציפּאַליטעט, אין רעזולטאַט פון דעם נצחון פון אונזער גערעכטער זאַך. אָבער דער דאָזיקער נצחון איז נאָך ניטאָ, און דווקא די־יעניקע, וואָס זיינען אימשטאַנד צו העלפן, זיינען בלינד און טויב און מיט כּאַרקוועטשטע הענט פאַר די נאַציאָנאַלע און קולטורעלע נויטן פון ווילנער יידנטום.

מ׳טראַכט שוין ניט וועגן נייע אויפגאַבן, וועגן נייע אונטערנעמונגען אויפן קולטורעלן געביט. פאַרשטומט איז געוואָרן דאָס קול פון די פאַנטאַסטן, וואָס האָבן שוין געזען אין טרוים אַ יידישן אוניווערסיטעט אין ווילנע, אַ יידישן מאָדערנעם טעאַטער־טעמפּל, יידישע פאָלקס־הייזער, נייע לערנאַנשטאַלטן א. אז. וו. דווקא איצט האָבן זיך אייניקע אַנשטאַלטן פאַרמאַכט, עס האָבן אויפגעהערט די שול־זשורנאַלן, עס פילט זיך אַ אָפּהענטיקייט, די לערער און קולטור־טוער האָבן שוין מער קיין כוח ניט צו טראָגן די שווערע לאַסט, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף זיי פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

וואָרים קלאָר מוז זיין פאַר יעדן: וואָס ווילנע האָט געבויט, איז ניט לאָקאַל, נאָר האָט אַ באַדייטונג פאַר דעם גאַנצן אַלוועלטלעכן יידנטום. און ווען חס־וחלילה אונטערגיין דאָס, וואָס איז מיט אַזוי פיל מי און מסירת־נפש אויפגעבויט געוואָרן אין ווילנע אין די שווערע יאָרן, וועט דאָס גאַנצע יידנטום ליידן אַ שווערע אבידה.

און כל־זמן עס איז ניט געוואונען אונזער קאַמף ביי דער מלוכה, מוז זיין די אויפגאַבע פון דעם אַלוועלטלעכן יידנטום צו העלפן ווילנע אויסצוהאַלטן. דאָס יידנטום פון אַמעריקע האָט פאַר דער הילפס־אַקציע געזאַמלט אומגעהייערע סומען. שוין די וואַלוטע־פאַרהעלטענישן פון די העלפער און געהאָלפענע האָבן באַגינסטיקט, אַז די הילף פון אונזערע אַמעריקאַנער ברידער זאָל זיין אַ גראַנדיאָזע. ליידער אָבער האָט אין דער דאָזיקער הילף געפעלט דער גרויסער פאַרנעם און דער קלאָרער באַוואוסטזיין, עס האָט געפעלט דער דראַנג צו אויפטאָן עפּעס גרויסעס אין נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב.

די הילפסומען זיינען צעבּרעקלט געוואָרן אויף קלייניקייטן אָדער אויף אַזעלכע זאַכן, וואָס בנוגע זיי וואָלט אפשר לייכטער געווען צו צווינגען די מלוכה טאָן איר חוב. די הילף וועט אינגיכן מסתמא אינגאַנצן אויפהערן. און די גרויסע אָנגעהויבענע אַרבעט קען חרוב ווערן, איידער זי האָט זיך גענוג באַפעסטיקט.

עס איז דעריבער דער חוב פון דער גאַנצער יידישער וועלט, בפרט אָבער פון דעם אַמעריקאַנער יידנטום, צו פאַרריכטן דאָס, וואָס לאָזט זיך נאָך.

דווקא אין דעם „פנקס“, דעם ספר־זכרונות, וואו עס איז רעגיסטרירט אַ שטיק געשיכטע פון יידישן בויען און שאַפן אין אַזאַ וויכטיקן צענטער פון יידישער קולטור, ווי ווילנע, מוז דאָס געזאָגט ווערן. און ערנסט מוזן זיך די געהעריקע קרייזן און אינסטיטוציעס פאַרטראַכטן איבער דעם געזאָגטן, פונקט ווי ערנסט עס איז געווען די כוונה און די אַרבעט פון די אַלע, וועלכע האָבן געשאַפן דאָס גרויסע און ווערטפולע, וואָס ווערט אָפּגעשפּיגלט אין דעם „פנקס“.

זלמן רייזען

ווילנע, ערב סוכות התרפ״ג



ד״ר צמח שאַבאַד.

# איבערזיכט.

ס׳לאָזט זיך ניט לייכט געבן אַן איבערזיכט, בפרט נאָך אַ קורצע, פון דעם אַלעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין ווילנע פאַר דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה זאון פון פאַרשיידענע אָקופּאַציעס — ביז דער לעצטער צייט (1922). אַ געוויסן טייל פון דעם דאָזיקן פעריאָד נעמען אַרום די ביידע בענדער (I—II) פון „ווילנער זאַמלבוך“ (1916—1917); אַ באַדייטנדן אָרט דאַרף פאַרנעמען אויך אָט דער „פנקס“, וועלכן מיר לאָזן איצט אַרויס.

צוליב אויסערלעכע סיבות, דערהויפּט צוליב דוחק אין געלט־מיטלען, האָט דער „פנקס“ שטאַרק פאַרשפּעטיקט; צוליב מאַנגל אין פּלאַץ זיינען אין „פנקס“ ניט אַריין אַ ריי אַרטיקלען, וועלכע וואָלטן קענען דערפילן און דערגאַנצן די באַשרייבונג פון דער איבערגעלעבטער עפּאָכע.

מיין ציל איז נאָר — בקיצור אָנצומערקן אָט די וויכטיקסטע מאָמענטן אין ווילנער יידישן לעבן פאַר דער דאָזיקער צייט, ניט איבערחזרנדיק דאָס, וואָס איז שוין געזאָגט געוואָרן אין מיין איבערזיכט אין 2־טן באַנד פון „ווילנער זאַמלבוך“.

פאַר דער שווערער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, בעת די ווילנער יידן האָבן געליטן אי קעלט, אי הונגער און בכלל אַ שטאַרקן דוחק, איז כּונדעסטוועגן אויפגעטאָן געוואָרן איין וויכטיקע פּעולה: ס׳האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט דער געדאַנק און פּראָקלאַמירט געוואָרן אויך כּלפּי־חוץ, אַז יידן זיינען — אַן אומה מיט אַן אייגענער קולטור און אַן אייגענער שפּראַך און מיט קאַטעגאָרישע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, פון וועלכע זיי וועלן זיך בשום אופן ניט אָפּזאָגן.

און איצט, בעת דאָס באַוואוסטזיין וועגן דעם רעכט פון אַלע פעלקער אויף נאַציאָנאַלן לעבנסשטייגער איז אָנערקענט געוואָרן (דער וויכטיקסטער פּועל־יוצא פון דער וועלט־מלחמה) — הגם ניט אומעטום איז נאָך דאָס דאָזיקע רעכט דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן, — זיינען אויך די יידישע פאָלקסמאַסן דורכגעדרונגען געוואָרן מיט דעם דאָזיקן געדאַנק.

אָט אונטער דעם דאָזיקן צייכן פון נאַציאָנאַלע רעכט ווערט געפירט, — באַוואוסטזיניק, צי ניט באַוואוסטזיניק, ווילנדיק, צי ניט ווילנדיק, — דער קאַמף פון די יידן פאַר זייער קיום אין ווילנער קאַנט פאַר די לעצטע יאָרן, — ניט קוקנדיק אויף די גיט אָפּגעשאַפטע קלאַסן־היפּוכים, ניט קוקנדיק אויף די גרויסע חילוקי־דעות צווישן די יידן גופא. ריין אַסימילאַטאָרישע טענדענצן, וועלכע ווערן פאַרשלעפּט פון רוסלאַנד אָדער פון פּוילן זיינען נאָך גענוג גרויס, אָבער זיינען אַזוי אומגעלומפּערט אויפן ווילנער באָדן, אַז זיי האָבן ניט געקענט שפּילן קיין באַדייטנדע ראָלע און ענדערן דעם אַלגעמיינעם פּאָן פון דעם בילד פון לעבן פון די ווילנער יידן.

---



## I.

אין יאָר 1918 האָט זיך די לאַגע אין ווילנע באַדייטנד פאַרבעסערט, אין פאַרגלייך מיט די שווערע יאָרן פון 1916—1917. קודם־כּל האָט די דייטשע מאַכט אָנגעהויבן צו פאַרלייכטערן די באַוועגונג פון דער ציווילער באַפעלקערונג מיט דער באַן; אמת, אַן ערלויבעניש צו פאָרן מיט דער באַן פלעגט אַלע מאָל זיין פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן מצד דעם „פּאַסאַמט“, און דאָ פלעגן ווערן אָפּגעטאָן כּלערליי מעשים־תּעתּועים: אָן שוחד פלעגט זיין זייער שווער צו באַקומען אַ „רייזע־שיין“, די אָבער, וואָס האָבן געוואוסט, וועמען צו געבן אַ „מתּנה“, אָדער די, וועלכע זיינען פּשוט געווען קאָמערציעל פאַרבונדן מיט די געהעריקע „לייטענאַנטן“, פלעגן לייכט אין איין טאָג באַקומען אַן ערלויבעניש צו פאָרן און אפילו ניט אויף איינמאָל, נייערט אויף גאַנצע דריי חדשים און נאָך מערער.

ניט ריידנדיק פון די דייטשע סאָלדאַטן און נידעריקערע באַאַמטע, וועלכע מען פלעגט אין פאַרשיידענערליי קאַנצעלאַריעס קענען אונטערקויפן פאַר קליינע געלט אָדער מיט אַ קעסטל ציגאַרן, שאָקאָלאַד, פּוטער, צוקער א. ד. גל. — פלעגן אויך די העכערע באַאַמטע, אָדער „לייטענאַנטן“ (למשל ד״ר פּ אָ נ פּ י ק, אַ פּראָפעסאָרס אַ זון, דער שעף פון דער „לעבנסמיטל־אָפּטיילונג“ אין ווילנער שטאָטהויפּטמאַנשאַפט, די לייטענאַנטן ב אַ ד ע ר און פאָן ש ט ר אַ ל — אין פּאַסאַמט, און נאָך צענדליקער באַאַמטע, וועמעס נעמען איך האָב פאַרגעסן) ב ש ו ת פ ו ת מאַכן געשעפטן מיט די שמוכלער, ספּעקולאַנטן, סוחרים און פאַבריקאַנטן. זיי פלעגן אָרגאַניזירטערהייט צוזאַמען באַקומען צוקער און אַנדערע פּראָדוקטן פאַר ביליגע מקחים און פאַרקויפן דער באַפעלקערונג פאַר טייערע.

אויף די אייזנבאַנען, אויף יעדער סטאַנציע, פלעגט פאָרקומען אַן אמתע וואַקכאַנאַליע פון שווינדל און שמוכל, אין וועלכע ס׳פלעגן זיין אַריינגעמישט ניט נאָר די אייזנבאַן־באַאַמטע, ניט נאָר די פאַרשיידענע „אַמטספאָרשטייער“ פון דער „ציוויל פערוואַלטונג“, נייערט אויך עכטע מיליטערלייט. די ערשטע שוחדנעמער זיינען געווען די „צאַלמייסטערס“, דערנאָך פלעגן גיין די העכערע באַאַמטע פון פאַרשיידענע „פּאַרקן“. איך האָב געוואוסט פאַלן, וואו סחורה, וועלכע איז כּלומרשט געווען באַשטימט פאַרן „פּיאָניערנפּאַרק“, איז דירעקט אַריין אין די הענט פון די שמוכלערס. איך ווייס אַ פאַל, ווען אַ ש נ ע ל צ ו ג איז פאַר שוחד אָפּגעשטעלט געוואָרן אויף אַ קליינער סטאַנציע (ק ע ג ן דעם מאַרשרוט), כּדי אַראָפּצוּוואַרפן אַ טראַנספּאָרט טרייפע סחורה.

סוף 1917 און אין 1918 יאָר פלעג איך אָפט באַקומען אַן ערלויבעניש צו פאָרן צו קראַנקע אין די שטעטלעך, לויט אַ טעלעגראַפישן אַרויסרוף (אין דעם פּרט זיינען די דייטשן געווען גענוג ליבעראַל), און איך האָב זיך אָנגעזען און אָנגעהערט הונדערטער מעשיות, וועלכע ווייזן בולט, ווי דעמאָראַליזירט ס׳זיינען געווען די דייטשע מיליטערישע באַאַמטע אין אונזער אָקופּאַציע־געביט.

פאַרשטייט זיך, ניט ווייניקער דעמאָראַליזירט איז געוואָרן אויך די באַפעלקערונג, וואָס, ליידנדיק פון די ניט דערהערטע רעקוויזיציעס אין די וואוינונגען, געשעפטן און לאַנדווירטשאַפטן, האָט זי געזוכט זיך צו ראַטעווען דורך פאַרשיידענע פאַרברעכנס און פאַלשקייטן. ווער אויף וועמען ס׳האָט געווירקט, די באַפעלקערונג אויף די באַאַמטע, אָדער פאַרקערט, איז שווער צו זאָגן.

ווי געווײנלעך, האָבן לכתחילה אויסגענוצט די „פרייהייטן" נאָר איינצלנע פערזאָנען, זייער כּיפּיקע און זייער עזותדיקע, און פלעגן נתעשר ווערן, בעת די אָרימע באַפעלקערונג פלעגט אין דערזעלבער צייט ליידן הונגער און דחקות און געשוואָלן ווערן אויף די „צוואַנג=אַרבעטן". אָבער ביסלעכווייז זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין שמוכל אויך די ברייטערע מאַסן. דורך דער אומגעזונטער „פּרנסה" האָט זיך אַזוי=אַרום אומדירעקט פאַרבעסערט די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער גאַנצער באַפעלקערונג.

אַ סך פּויערים, ניט קוקנדיק אויף רעקוויזיציעס, זיינען געוואָרן רייך, פאַרקויפנדיק אומלעגאַל זייערע פּראָדוקטן, און פלעגן רעכענען זייער קאַפּיטאַל אין דייטשע מאַרקן אויפן וו אָ ג. יידישע יונגעלייט — בחורים און מיידלעך — פלעגן גוט פאַרדינען פון שמוכל. ביסלעכווייז האָט זיך באַוויזן אויך סחורה אין די קראָמען און אַרבעט ביי די בעלי=מלאכות.

נאָכן בריסקער שלום, בעת די דייטשן זיינען פריי און פראַנק געגאַנגען אויף רוסלאַנד, און ס׳זיינען גענומען געוואָרן מינסק, דווינסק, פּסקאָוו און ריגע, האָבן איינצלנע ספּעקולאַנטן באַקומען רשות צו גיין צוזאַמען מיט דעם דייטשן מיליטער און, נאָכן פאַרנעמען פון יעדער שטאָט, בייטן געלט לויטן מיליטערישן קורס. איך האָב געקענט אַזעלכע בריות, וועלכע פלעגן פאָרן מיט „טשעמאָדאַנען" 3 מאָל אַ וואָך הין און צוריק קיין ריגע, ליבאַווע א. אַ. שטעט (שפּעטער — אין 1919—1921 איז דיזעלבע מעשה געווען מיט וואַרשע).

איך האָב זיך אַזוי לאַנג אָפּגעשטעלט אויף די דאָזיקע פינסטערע זייטן פון דער דאַמאָלסטיקער „פּרנסה" אין דער צווייטער העלפט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, ווייל — דעם אמת געזאָגט — דאָס רוב יידישע פּרנסות האָט זיך טאַקע אויסגעגאָסן אין שמוכל — אין כּלערליי פאָרמען, — און דאָס רוב פאַסאַזשירן אין די וואַגאָנעס פאַר „ציווילער" אָדער „איינהיימישער באַפעלקערונג" (צוזאַמען מיט „מיליטער" צו זיצן איז געווען שטרענג פאַרבאָטן) זיינען טאַקע געווען יידן. און דער דאָזיקער אומגעזונטער פאַרדינסט, פאַרבעסערנדיק אין אַ געוויסער מאָס דעם אַלגעמיינעם עקאָנאָמישן מצב, האָט געלייגט זיין חותם אויף דעם לעבן פון די יידן אין ווילנע און דערהויפּט אין די קליינע שטעטלעך.

דער גייסט פון שמוכל האָט אין יידישן שטעטל איבערגעלאָזט אַ שטאַרקערע ווירקונג. אין שטאָט ווילנע, אַדאַנק דער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ און באַוואוסטזיניקע אַרבעטער, האָט זיך די גאַנצע צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע געפירט אַ האַרטנעקיקער קאַמף פאַר די יידישע שולן און פאַר די יסודות פון נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע אין יידישן לעבן. די קליינע שטעטלעך אָבער, וואו כּמעט די גאַנצע יוגנט (מיט געוויסע אויסנאַמען) איז אַוועק אויף צו מאַכן „געשעפטן", האָבן ווייניק געקלערט וועגן „נאַציאָנאַלער קולטור" און זיך גלייך איבערגעגעבן דער אַסימילאַטאָרישער ווירקונג פון די דייטשן.

טייל יונגעלייט פלעגן קריגן שטעלן אין די ביוראָס פון די אַמטספאָרשטייער, אויף די באַנען (אין די קאַסעס, אין בופעטן, אַלס „ברעמזער"), מאַנכע פלעגן גלאַט מאַכן מיט די דייטשן געשעפטן, און אין אַ משך פון 1—2 יאָר איז שוין אין די קליינשטעטלעך, „טייטש" געוואָרן אַ „מוטערשפּראַך" ביי די פרייליינס און קאַוואַלערן.

אין די שולן האָט גרינג געקראָגן די שליטה דער דייטשער אונטעראָפּיציר. די שול=אינספּעקציע האָט אָנגעהויבן זיי צו געבן אַ קליינע שטיצע, און מיט אַמאָל איז ד י י ט ש געוואָרן אַן אונטעררעכטס=שפּראַך, און יידישע קינדער האָבן אָנגעהויבן צו זינגען דייטשע פּאַטריאָטישע און סאָלדאַטישע לידער. אין נאָוואָסוועניציאַן איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער ר ב האָט ערלויבט צו לערנען אין דער יידישער פאָלקסשול ש ב ת, — „מען זאָל נאָר ניט שרייבן". אויף מיין פראַגע, פאַרוואָס האָט ער דאָס ערלויבט, האָט דער רב בתמימות געענטפערט, אַז ער האָט געמיינט, — „מען מ ו ז אַזוי; אין ברירה".

דער שטאַרקער נאַציאָנאַלער ווידערשטאַנד פון דעם ווילנער יידנטום האָט זיך פאַרקלענערט נאָכדעם, ווי נאָכן בריסקער שלום האָבן זיך אָנגעהויבן אומצוקערן די פּליטים און גרושים פון רוסלאַנד און געבראַכט מיט זיך, ניט=ווילנדיק, דעם רוסיפיקאַטאָריש=אַסימילאַטאָרישן שטראָם.

די דאָזיקע געשעעניש — דער אָנפאַנג פון דער רעעמיגראַציע — האָט אגב ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו ענדערן די פיזיאָנאָמיע פון שטאָט און געגנט און חוץ=דעם אַרויפגעלייגט נייע זאָרגן אויף די יידישע פאָרשטייער.

נאָכן איינעמען פון מינסק דורך דעם דייטשן מיליטער האָט זיך פון דאָרטן אַ לאָז געטאָן אַ גרויסער שטראָם רעעמיגראַנטן, בתוכם אַ סך יידן. די דייטשן האָבן זיי גלייך פאַרהאַלטן אין צוויי איזאָלאַציאָנספּונקטן, אין מאָלאָדעטשנע און אין נאָוואָווילייסק. אין לעצטן פּונקט איז צו דעם צוועק אויסגענוצט געוואָרן דאָס געוועזענע משוגעים=הויז, אַ פּראַכטפולער בנין, וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין תּפיסה. טויזנטער מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן — פרויען און מענער, זקנים און קינדער — זיינען אַלע געלעגן צוזאַמענגעפּרעסט אויף הוילע ברעטער מיט שטרוי, אין שמוץ און אָן שום באַקוועמלעכקייטן, אַרומגערינגלט מיט אַ קאָנוואָי. הגם מען האָט קיינעם פון די מענטשן ניט אַרויסגעלאָזט אין שטאָט און קיינעם צו זיי ניט צוגעלאָזט, האָט מען זיך תּיכּף פונדעסטוועגן וועגן דעם דערוואוסט אין ווילנער צענטראַל=קאָמיטעט. קומענדיק קיין ווילייקע צוזאַמען מיטן הרב רובינשטיין (פאַר פּסח=צייט), האָבן מיר געפּועלט ביים קאָמענדאַנט, אַז מען זאָל אונז אַריינלאָזן אין בנין אויספרעגן די געקומענע וועגן זייערע נויטן, כּדי זיי צו העלפן מיט וואָס מיר קענען.

דאָס בילד איז געווען ניט קיין פריילעכס, אָבער אין די שפּעטערע יאָרן איז אונז אויסגעקומען צו זען עפּעס ערגערע זאַכן, וועגן וואָס מיר וועלן נאָך דערציילן ווייטער. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין נאָוואָווילייסק האָבן די דייטשן געמאַכט ניט נאָר אַ כּיזישן קאַראַנטין (אַנטלויזונגס=באָד א. ד. גל.) נייערט אויך אַ „פּאָליטישן": מען האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט פאַר „שפּיאָנאַזש". פונדעסטוועגן איז אונז געלונגען אַיינצואָרדענען דאָרטן אַ יידישע כּשרע קיך, אַ פאַרקויף פון ברויט און אַנדערע לעבנסמיטלען, דאָס בייטן געלט א. ד. גל. אייניקע מאָל אין וואָך פלעגט מען ערלויבן אונזערע שילוחים צו ברענגען צו פירן פון שטאָט פאַר די פאַרשפּאַרטע לעבנסמיטל. דערהויפּט האָבן זיך מיט דעם מתעסק געווען די נאָוואָווילייסקער יידן מיטן רב בראש, און — ווי בייזע צינגער האָבן גערעדט — האָבן זיי דערביי אויך אַ ביסל פאַרדינט: נויטבאַדערפטיקע זיינען געווען לפי=ערך ניט פיל, און אַנדערע האָבן געהאַט ביי זיך היבשע רוסישע געלט. ביסלעכווייז אין אַ משך פון 3 וואָכן האָבן אַלע אָנגעקומענע באַקומען די מעגלעכקייט צו פאָרן צו זיך אַהיים, אַ סך האָבן זיך אַרויסגעגנבעט און געקומען אין שטאָט אומלעגאַל, וואו פאַר געלט האָט מען געקענט באַקומען צייטווייליקע שיינען.

דעם גאַנצן זומער 1918 איז געגאַנגען דער שטראָם פון די רעעמיגראַנטן: דורך פּסקאָוו און דורך וויטעבסק. ס׳זיינען

געשאַפן געוואָרן רעעוואַקוציאָנסקאָמיסיעס פון דער ליטווישער (קאָוונער) און פוילישער (וואַרשעווער) רעגירונגען אין מאָסקווע און אויף די גרעניצן, פאַר די יידישע רעעמיגראַנטן פלעגט מען דערביי מאַכן זייער פיל שוועריקייטן, ניט פאַרשרייבן אין די עשעלאָנען, ניט דורכלאָזן דורך די גרעניצן א. ד. גל. די געזעלשאַפטלעכע יידישע אָרגאַניזאַציעס איז דערביי ניט פיל געלונגען וואָס אויפצוטאָן. הגם די פעטערבורגער און מאָסקווער „יעקאָפּאָ" און „אָזע" האָבן אָנגעווענדעט אַלע זייערע מיטלען און כוחות צו פאַרלייכטערן די לאַגע פון די יידישע רעעמיגראַנטן, צווישן וועלכע ס'זיינען געווען פיל נויטבאַדערפטיקע.

פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזעלכע באַדינגונגען איז כּמעט פאַר אַלע געלונגען זיך אומצוקערן אין די שטעט די פאַרמעגלעכערע עלעמענטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, און די־יעניקע פון דער פּראָווינץ, וועלכע האָבן געקענט רעכענען, אַז זייערע הייזער און וואוינונגען זיינען ניט אינגאַנצן רואינירט און רעקווּיזירט פון די דייטשן.

---

## II.

פון די גרויסע איבערקערענישן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין רוסלאַנד אין יאָר 1917 דורך דער גרויסער רעוואָלוציע, האָט די באַפעלקערונג פון אונזער קאַנט, וועלכער איז געווען אָקופּירט פון דעם דייטשן מיליטער, זיך דערוואוסט נאָר פון די דייטשע צייטונגען. מיט יראת־הכבוד האָבן זיך די יידן באַצויגן צו דעם נייעם גרויסן מזרח־לאַנד, אין וועלכן זיי האָבן ביז אַהער אַזוי פיל געליטן רדיפות און באַליידיקונגען, און מיט קנאה דערמאָנט די גליקלעכע, וואָס זיינען געלאָפן צוזאַמען מיט די רוסן און געלאָזן גאַנצע גובערניעס אויף הפקר די זיגערישע דייטשן.

אָנדערטהאַלבן יאָר זיינען פאַרגאַנגען, ביז די רוסישע רעוואָלוציע האָט אָפּגעקלונגען אין דייטשלאַנד, און מיר האָבן אָנגעהויבן צו פילן, אַז די דייטשע מיליטערישע אייזערנע פויסט ווערט שוואַכער און שוואַכער.

נאָך אין סאַמע ברען פון די שלאַכטן, בשעת די גלענצנדסטע דייטשע נצחונות האָבן מיר, לייענענדיק די דייטשע צייטונגען, שוין געקענט פאַרשטיין, אַז די דייטשן האָבן מורא פאַר אַ מפּלה און ווילן מאַכן שלום. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַגיטאַציע וועגן ס ט אָ ק ה אָ ל ם, און אַלע האָפענונגען האָבן די דייטשן געלייגט אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטן־קאָנגרעס, וועלכער האָט געזאָלט פאָרקומען אין דער הויפּטשטאָט פון שוועדן צו פּראָקלאַמירן די פאָדערונג פון וואָפנשטילשטאַנד און שלום. ס'איז דערגאַנגען שוין אַזוי ווייט, אַז אויך די היגע דייטשע מיליטערישע מאַכט, די אַזוי גערופענע פּאָליטישע אָפּטיילונג פון דער ציווילפאַרוואַלטונג האָט זיך געווענדעט צו די אָרטיקע סאָציאַליסטן פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן (א י י ד ו ק ע ו ו י ט ש — פון די פּאָליאַקן, י אַ נ ו ל אַ י ט י ס — פון די ליטווינער, אַ נ ט אָ ן ל ו צ ק ע ו ו י ט ש — פון די ווייסרוסן און א י ז ב י צ ק י — פון בונד) מיט אַ פאָרשלאָג צו געבן זיי פּעסער אויף דער נסיעה קיין סטאָקהאָלם.

ווי באַוואוסט, איז דערפון גאָרניט געוואָרן, די סטאָקהאָלמער קאָנפערענץ איז ניט צושטאַנד געקומען, און דער מיליטעריש־זשאַנדאַרמערישער רעזשים פון דער דייטשער אָקופּאַציאָנסמאַכט איז ביי אונז געבליבן נאָך גענוג שטאַרק. די מאַכט האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו אַרעסטירן אָט דעמזעלבן איזביצקי (באַקאַנטער אַרבעטער־טוער און שריפטשטעלער — ב. מיכאַלעוויטש), ער האָט זיך אָבער באַצייטנס פון דעם דערוואוסט, און אים איז געלונגען זיך צו באַהאַלטן. ערשט אין אייניקע חדשים אַרום האָט מען אים ערלויבט אַרויסגעשיקט צו ווערן קיין וואַרשע.

דאָ מוז נאָך אַ מאָל דערמאָנט ווערן וועגן דעם מוטיקן קאַמף, וואָס די יידישע באַפעלקערונג האָט געפירט קעגן דער דייטשער אָקופּאַציאָנסמאַכט בעת די דראַקאָנישע פאַראָרדענונגען וועגן נעמען אויף צוואַנגס־אַרבעט, בעת דעם גאַנצן פעריאָד, ווען דער שטאָטהויפּטמאַן פאָל האָט אַרויפגעלייגט אויף דער שטאָטישער באַפעלקערונג אַ צ וו אַ נ ג ס ־ ה ל וו א ה פון אַ מיליאָן דייטשע מאַרק, פון וועלכע 75% האָבן געדאַרפט אַריינטראָגן די יידן. די הלוואה איז צום סוף פאָרט ניט דורכגעפירט געוואָרן. אלס קרבן איז געפאַלן דער ד״ר וו י ג אָ ד ס ק י, וועלכער איז פאַרשיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציאָנס־לאַגער, וואו ער האָט פאַרבראַכט מערער, ווי אַ יאָר.

אין דעם דאָזיקן לאַנגן קאַמף האָבן די יידן געהאַלטן מער אָדער ווייניקער אַן איינהייטלעכן פראָנט. הגם יעדע ריכטונג האָט אָנגעווענדעט די מיטלען, וועלכע אַנטשפּרעכן איר טאַקטיק. בעת דער פאַראָרדענונג וועגן צוואַנגסאַרבעט האָבן די בירגערלעכע עלעמענטן, למשל, געמאַכט אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען און אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז קיינער זאָל ניט צאָלן די 600 ר ו ב ל אי ן ג אָ ל ד, וואָס די דייטשן האָבן געפאָדערט פון די, וועלכע ווילן זיך באַפרייען פון צוואַנגסאַרבעט. דער „בונד" האָט אַרויסגעלאָזן אַ שאַרפע רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציע קעגן דער מיליטערישער מאַכט און גערופן צום ענערגישן קאַמף.

אומעטום, וואו ס'איז נאָר מעגלעך געווען, האָבן די יידישע פאָרשטייער געאַרבעט צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון די ניט יידישע נאַציאָנאַליטעטן, בתוכם מיט די פּאָליאַקן, קעגן די אָקופּאַנטן כּדי צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון דער באַפעלקערונג, — סיי אויפן עקאָנאָמישן, סיי אויפן קולטורעל־פּאָליטישן געביט. אין אָנפאַנג איז די דאָזיקע פאַראייניקונג פאָרגעקומען אין בירגער־קאָמיטעט (וואָס די דייטשן האָבן פאַרמאַכט), דערנאָך אין כּלערליי קאָמיטעטן און קאָמיסיעס. מען האָט געקעמפט קעגן דער שלעכטער און הונגעריקער אַפּראָוויזאַציע, צוזאַמען אָנגעגעבן מעמאָראַנדומס, אַרויסגעלאָזן דעקלאַראַציעס א. ד. גל. אין דער פראַגע וועגן פּרוב פון די דייטשן צו גערמאַניזירן די שולן, אין זייער פאַראָרדענונג אינגאַנצן צו שליסן די שולן אויף אַ ½ יאָר, כּלומרשט צוליב דער פאַרשפּרייטונג פון פלעק־טיפוס — איז די יידישע און פוילישע לערערשאַפט געווען אייניק, געלערנט מיט די קינדער ניט קוקנדיק אויף דעם פאַרבאָט און צוזאַמען דערפאַר געזעסן אין תּפיסה.

אויף די פּרובן פון די דייטשן אַן אַנדערש מאָל צו קאָקעטירן מיט די יידן אויף צו להכעיס די פּאָליאַקן, האָבן זיך די יידישע פאָרשטייער ניט געלאָזן כאַפּן אויפן אַנגל און פלעגן תּמיד מוטיק אָפּוואַרפן אַזאַ „ליבע".

די יידן האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען אַן אָנטייל אין אַ זאַמלטאָג, וואָס דער דייטשער שטאָטהויפּטמאַן האָט געוואָלט איינאָרדענען לטובת דער נויטבאַדערפטיקער ציווילער באַפעלקערונג מיט דעם תּנאי, אַז ס'זאָלן פאַרקויפט ווערן צייכנס מיטן דייטשן הערב. צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן האָבן די יידן געפאָדערט דעם ווילנער הערב, ניט אָנערקענענדיק דעם דייטשן. און דער זאַמלטאָג איז ניט צושטאַנד געקומען. די יידן האָבן זיך אויך אָפּגעזאָגט איינצואָרדענען די פילאַנטראָפּישע פאַרוויילונג אויף די בערנאַרדינער בערג, אויף וואָס די דייטשן האָבן בכּיוון געגעבן אַן ערלויבעניש. — נאָכדעם ווי פאָרשטייער פון דער פוילישער געזעלשאַפט האָבן געמאָלדן, אַז דאָס וואָלט פאַרשוועכן די דאָזיקע בערג, וואָס זיינען הייליק פאַר דעם פוילישן פאָלק. די דייטשן זיינען געווען דערפאַר זייער אויפגערעגט אויף די יידן און האָבן דערנאָך זיך נוקם געווען אָן זיי ביי יעדער פּאַסיקער געלעגנהייט.

ס'וואָלט אונז זייער ווייט פאַרפירן, ווען איך וואָלט זיך אין פּרטים אָפּגעשטעלט אויף דער גאַנצער — היסטאָריש וויכטיקער —

צייט פון דער העכער דריי־יאָריקער דייטשער אָקופּאַציע. איך האָב געוואָלט נאָר בקיצור אָנמערקן דעם פּאָן און די שטימונג פון דער דאָזיקער צייט, וועלכע זיינען ראש־השנה 1917 בולט מאַניפעסטירט געוואָרן אין אַ גראַנדיעזן מיטינג אין אייזנבאַנקרייזל. די דאָזיקע פאָלקס־פאַרזאַמלונג איז מיט דער ערלויבעניש פון די דייטשן (זיי האָבן דאַמאָלסט געהאָפט אויף שלום) אָרגאַניזירט געוואָרן פון די סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע פּאַרטייען פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, ס׳האָבן גערעדט צו צוויי פאָרשטייער (אַ סאָציאַליסט און אַ דעמאָקראַט) פון די פּאָליאַקן, יידן, ליטווינער און ווייסרוסן אין זייערע נאַציאָנאַלע שפּראַכן — אַלע אויף איין טעמע: האָפענונגען אויף דער רוסישער רעוואָלוציע, די נייטיקייט פון שלום, פאָדערונג פון זעלבסטבאַשטימונג פאַר די נאַציאָנאַליטעטן און פּראָטעסט קעגן דער איינזייטיקער ליטווישער טאַריבע, וועלכע האָט זיך געבילדעט מיט דער הילף פון די דייטשן.

---

### .III

סוף 1918, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָט זיך די מאַכט פון די דייטשן אָנגעהויבן צו וואַקלען, אַ דייטשער אַעראָפּלאַן, געקומען פון בערלין, וואַרפנדיק פּראָקלאַמאַציעס, האָט אָנגעזאָגט, אַז אין דייטשלאַנד האָט געזיגט די רעוואָלוציע! געפאַלן די טראָנען, די קיסרים אַנטלאָפן; דייטשלאַנד איז געוואָרן רעפּובליק און די מאַכט איז אַריבער צו אַרבעטער־ און סאָלדאַטנראַטן.

פאַר אונזערע אויגן איז געשען עטוואָס אוממעגלעכס: דער דייטשער אונטערטעניקער זעלנער — אַ רעוואָלוציאָנער! און די באַפעלקערונג, וואָס איז די גאַנצע צייט פון דער אָקופּאַציע געווען אין פולער אָפּהענגיקייט פון די אַלע מיליטערלייט, — האָט זיך עפּעס דערפילט מיט אַ מאָל פרייער, די לופט איז געוואָרן פרישער, — און ס׳האָבן זיך אויך ביי אונז געבילדעט „סאָלדאַטנראַטן״.

אָבער דאָס איז נאָר געווען אַ שטימונג. דער טאָן פון די דייטשע צייטונגען אין ווילנע און אין קאָוונע האָט זיך, אמת, געביטן, אונזערע אָרטיקע סאָציאַליסטן האָבן זיך אָנגעהויבן מתקרב צו זיין מיט די סאָלדאַטנראַטן; ס׳פלעגן פרייע פאָרקומען פאַרזאַמלונגען. ס׳האָבן זיך באַוויזן רוסישע קאָמוניסטן און דייטשע ספּאַרטאַקיסטן, אָבער דער גאַנצער אַפּאַראַט פון דער דייטשער ציוויל־פאַרוואַלטונג איז געבליבן „קלאַפּן״ ביז דער לעצטער מינוט, און ס׳איז געוואָרן קלאָר, אַז ניט די דייטשע רעוואָלוציע ווירקט דאָ, נייערט זייער מיליטערישע מפּלה, — און זיי האַלטן ביים פאַרלאָזן ווילנע.

דאָ האָט זיך געשטעלט די פראַגע, ווער זאָל איבערנעמען די מאַכט אין שטאָט?

פון איין זייט איז געווען די ליטווישע טאַריבע, וועלכע האָט זיך געפּרובט צו דעמאָקראַטיזירן, נאָכדעם ווי זי האָט זיך סקאַנדאַליזירט מיט דעם, וואָס זי איז געווען איינגעגאַנגען אויף דעם, אַז פאַר אַ פירשט פון ליטע זאָל באַשטימט ווערן אַ דייטשער פּרינץ אוראַך.

אין דער טאַריבע זיינען אַריין ליטווישע דעמאָקראַטן (ווילײשיס), פאָלקס־סאָציאַליסטן (סלעזשעוויטש) און סאָציאַל־דעמאָקראַטן (קיירים). ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די יידן און ווייסרוסן. די פּאָליאַקן האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט אַריינצוגיין אין טאַריבע און האָבן זי לגמרי ניט אָנערקענט.

נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען האָבן אַ טייל יידן מסכּים געווען צו פאַרנעמען מיניסטאָרן־פּאָסטנס; די דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע יידישע פּאַרטייען האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען אַן אָנטייל אין דער רעגירונג פון דער ליטווישער מלוכה, וועלכע האָט ניט געהאַט קיין באַשטימטע גרעניצן, בפרט נאָך אַז די רעגירונג איז ניט געווען דעמאָקראַטיש געקליבן. זיינען פון די יידן אַריין די ציוניסטן אַדוואָק. ראָזנבוים, ד״ר י. וויגאָדסקי און ד״ר נ. ראַכמילעוויטש. אַלע זיינען זיי אַריין ניט ווי פאָרשטייער פון פּאַרטייען, נאָר אַלס „פּערזאָנען״.

ס׳פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזעלכע תּנאים האָבן די דאָזיקע יידישע מיניסטאָ־ן ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג אין די ברייטע יידישע פאָלקסמאַסן; אויך איז די ליטווישע רעגירונג ניט געווען בכּוח איבערצונעמען די מאַכט אין שטאָט.

ווי פריער, בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, האָבן אויך איצט די זעלבע גרופּע יידישע פאָרשטייער, וועלכע האָבן זיך גרופּירט אַרום יידישן קאָמיטעט, געפּרובט פאַרמיטלען צווישן די פּאָליאַקן און די ליטווינער אין דער פראַגע וועגן איבערנעמען די מאַכט. די ליטווינער, למשל, האָבן פאָרגעלייגט, אַז אין צייטווייליקן מאַגיסטראַט זאָלן אַריין פאָרשטייער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן אין גלייכער צאָל. די יידן האָבן אויף דעם מסכּים געווען, אָבער די פּאָליאַקן (ד. ה. דער „פּוילישער קאָמיטעט״) האָבן דעם פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן. דאַן זיינען די ליטווינער (די „טאַריבע״) געגאַנגען אויף הנחות; האָבן איינגעוויליגט, אַז די פּאָליאַקן זאָלן האָבן אַ העלפט מיטגלידער אין מאַגיסטראַט, און די אַנדערע העלפט זאָל זיין צעטיילט צווישן די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן, אָבער מיט דעם תּנאי, אַז דער שטאָט־פּרעזידענט זאָל זיין אַ ליטווינער (ס׳איז שוין געווען באַשטימט פון דער טאַריבע אַדוואָקאַט יאַן ווילײשיס). דער סיכסוך איז אָבער באַשטאַנען ניט אין דער דאָזיקער פאַרטיילונג — אין דעם פּרט וואָלט מען שוין אפשר געקאָנט דורכקומען צווישן זיך, דער עיקר האָבן די ליטווינער (די ליטווישע „רעגירונג״) געפאָדערט, אַז דער מאַגיסטראַט מוז זיך געפינען אונטער דער אויפזיכט (הגם נאָר פאָרמעלער) פון דער טאַריבע. „יעטווידער שטאָטישע מאַכט — האָבן די ליטווינער געטענהט — מוז דאָך ווערן פון וועלכער ס׳איז העכערער מאַכט אין לאַנד באַשטעטיקט״. אויף דעם אָבער זיינען די פּאָליאַקן בשום אופן ניט איינגעגאַנגען. די טאַריבע האָבן זיי אויף קיין פאַל ניט געוואָלט אָנערקענען, אַפילו אויך ניט נאָמינעל.

מיט דעם איז זיך פונאַנדערגעפאַלן דער פּרוב צוזאַמענצושטעלן אַ „קאָאַליציע״.

יעדער צד (די פּאָליאַקן און די ליטווינער) האָט אָבער ניט אויפגעהערט צו אַרבעטן פאַר זיך און געשטרעבט צו פאַרכאַפּן די מאַכט. דערביי האָט אויך יעדער צד געפּרובט צוציען אויף זיין זייט די יידן, כּדי צו גיין מיט זיי צוזאַמען אָן דעם צד שכּנגד די יידן האָבן אָבער מורא געהאַט צו מאַכן „סעפּאַראַטע שלומס״; די זאַך איז געוואָרן אַלץ ערנסטער, ס׳האָט אָנגעהויבן צו שמעקן מיט פּולווער. און אויך די פאָרשלאָגן גופא הן מצד די ליטווינער, הן מצד די פּאָליאַקן זיינען ניט געווען גענוג ערנסט.

די שטאָטווירטשאַפט איז דערווײַלע געוואָרן אַלץ מער רואינירט, און די דערנערונגס־פּראָדוקטן, וואָס די דייטשן האָבן צוגעגרייט פאַר דער שטאָט, זיינען געוואָרן צעשלעפּט און פאַרקויפט ספּעקולאַנטן. די דעמאָביליזאַציע פון דעם דייטשן מיליטער איז געווען אין פולן גאַנג, ס׳האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אויך צו באַווייזן צוריקגעלאָפענע דייטשע מיליטערישע אָפּטיילונגען פון אוקראַינע, אויף וועלכע די אויסגעהונגערטע דייטשלאַנד האָט אומזיסט געלייגט אַזעלכע האָפענונגען. גאַנצע אינסטיטוציעס זיינען געוואָרן ליקווידירט, און היות ווי ניט אַלץ האָט מען געקענט שיקן צוריק קיין דייטשלאַנד (די צוגן פלעגן זיין פול געפּאַקט; די סאָלדאַטן פלעגן זיצן אויף די דעכער — פּונקט ווי דאָס איז געווען אין יענער צייט אין רוסלאַנד), פלעגט דער גאַנצער אינווענטאַר ווערן פאַרקויפט בחינם אויפן אָרט. ניט שווער איז געווען אויך צו באַקומען ביי די דייטשן אַפילו געווער. — און דאָס האָבן טאַקע אויסגענוצט די האַלב־לעגאַלע פּוילישע מיליטערישע אָרגאַ־

ניזאַציעס. ס׳איז אַפילו איינמאָל פאָרגעקומען א רעוויזיע מצד דער דייטשער מאַכט אין פוילישן „געהיימען״ שטאַב אויף זאַרעטשע 5, אָבער דאָס איז נאָר משמעות געווען אַן אָנשטעל מצד די דייטשן: זיי זיינען שוין דאָ געווען צו שוואַך און געהאַט גענוג אייגענע דאגות.

ביי אַזאַ לאַגע האָבן די פּאָליאַקן אַליין שוין מיט גרעסערער זיכערקייט זיך גענומען צו אָרגאַניזירן די שטאָטישע פאַרוואַלטונג און געפּרובט צוציען צו דער בעלי־בתישקייט אויך אַלע פריערדיקע שטאָטישע אָנגעשטעלטע (וועלכע האָבן געדינט נאָך ביי די דייטשן), צווישן וועלכע ביז 40% זיינען געווען יידן. ס׳זיינען צוריק אַרויס אויף דער אַרענע אויך די פריערדיקע פוילישע ראַטמענער מיט די מאַגיסטראַט־מיטגלידער (וואָס די דייטשן האָבן אינגאַנצן אָפּגעשאַפט), און ס׳האָט זיך געדוכט, אַז די שטאָטישע פאַרוואַלטונג ווערט ווי ס׳איז באַפעסטיקט.

מיט אַמאָל אָבער האָבן זיך באַוויזן אויף די גאַסן מודעות פון דער סאָוועטישער „רעגירונג״ פון דער „ווייסרוסיש־ליטווישער רעפּובליק״, אַרויסגעגעבן אין שטאָט ווילייקע און אונטערגעשריבן דורך מיצקעוויטש־קאַפּסוקאַס, אַנגאַרעטיס, דימענשטיין, באַראַנאָווסקי א. א. (אַלץ מאָדנע, נאָך דאַן אומבאַקאַנטע נעמען). דער „אוקאַז״ פון דער דאָזיקער „רעגירונג״ האָט אָנגעזאָגט, אַז קיינער טאָר ניט נעמען אויף זיך די פירונג פון דער שטאָטפאַרוואַלטונג, חוץ איר, דער סאָוועטישער רעגירונג, און אַז אינגיכן וועט זי אַליין קומען איבערנעמען די מאַכט אין ווילנע.

אַפריער האָט מען אין שטאָט געלאַכט פון דער דאָזיקער מודעה פון אַ רעגירונג, וואָס געפינט זיך ווייט אויף אַ שטח פון 100 וויאָרסט, און איר קיין גרויסע באַדייטונג ניט צוגעגעבן.

די אָרטיקע קאָמוניסטן האָבן אָבער אָנגעהויבן ענערגישער צו אַגיטירן צווישן די מאַסן, און צווישן די שטאָטישע אָנגעשטעלטע גופא האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף. ס׳פלעגן פאָרקומען גרויסע פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע אַ טייל (דאָס רוב פּאָליאַקן) האָבן אַגיטירט, אַז מען זאָל ניט וואַרטן אויף די באָלשעוויקעס און אַליין אָרגאַניזירן די פאַרוואַלטונג צוזאַמען מיט די פוילישע פאָרשטייער, די אַנדערע האָבן גערופן אונטערן פלאַג פון די סאָוועטן.

ס׳האָט זיך געבילדעט אַן אַרבעטער־ראַט, אין וועלכן ס׳זיינען אַריין פאָרשטייער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן און אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אָבער די קאָמוניסטן האָבן שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז אין פּרעזידיום זאָלן זיי האָבן די מערהייט.

ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן מיטינגען און פאָרזאַמלונגען, וואָס די יידישע מאַסן, דערהויפּט די יוגנט, פלעגן גערן באַזוכן, אויף אייניקע פלעגן קומען אויך דייטשע סאָלדאַטן און דעלעגירטע פון די סאָלדאַטנראַטן.

דער פּרעזידיום פון ראַט און פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט זיך איינגעאָרדנט אין בנין פון אַייזנבאַנקרייזל אויף כּערסאָנער (וואָראָניער) גאַס און פון דאָרטן „רעגירט״, געשיקט פאַראָרדענונגען. דער צייטווייליקער מאַגיסטראַט האָט געגוסטט, דער פוילישער קאָמיטעט, צוזאַמען מיט די פוילישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך געגרייט. די ליטווישע רעגירונג מיט דער טאַריבע האָט געמאַכט ברייטע מלוכהשע פּלענער און די דייטשע פאַרוואַלטונג מיט דעם דייטשן מיליטער האָבן זיך האַסטיק ליקווידירט.

אין דערזעלבער צייט האָט אויף דער יידישער גאַס געפּלאַקערט אַ וואַלקאַמפּאַניע. ס׳זיינען פאָרגעקומען צום ערשטן מאָל וואַלן אין דער ערשטער דעמאָקראַטישער קהילה.

דער קאַמף פאַר אַ דעמאָקראַטיש אויסגעווילטער יידישער קהילה אין ווילנע האָט זיך געפירט שוין פון לאַנג, — גלייך נאָכדעם, ווי ס׳איז באַוואוסט געוואָרן, אַז אין רוסלאַנד זיינען נאָך דער רעוואָלוציע שוין אַזעלכע קהילות געשאַפן געוואָרן. לכתחילה האָבן די דייטשן נאָר ערלויבט אַ קאָנפעסיאָנעלע קהילה, און אין ווילנער יידישן צענטראַלקאָמיטעט גופא איז געווען דורכגעגאַנגען אַ פּראָיעקט פון וואַלרעכט בלויז פאַר מענער פון 25 יאָר אָן מיט אַ קליינעם צענז.

הגם די דייטשע פאַרוואַלטונג האָט זיך שוין צום סוף באַצויגן גלייכגילטיק צום גאַנצן ענין, און ס׳איז שוין געווען די מעגלעכקייט צוצוטרעטן צו די וואַלן, האָט דאָך דער פּרעזידיום פון צענטראַלקאָמיטעט — אויס קאָנסערוואַטיווע טעמים — זיך לאַנג געקווענקלט צו נעמען אויף זיך די אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט פאַר די וואַלן צו דער קהילה.

דאַן האָט לויט דער איניציאַטיווע פון דער דעמאָקראַטישער גרופּע, צו וועלכער ס׳זיינען צוגעטראָטן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און דערנאָך אויך די ציוניסטן, זיך געבילדעט אַן איניציאַטיווע גרופּע, וועלכע האָט צוזאַמענגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון פאָרשטייער פון אַלע יידישע פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס און חברות, כּדי אויסצוקלייבן אַן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, וועלכער זאָל אויסאַרבעטן די וואַל־תקנות און אָנפירן מיט די וואַלן. אַ גרויסן אָנטייל אין אָרגאַניזיר־קאָמיטעט האָט גענומען ש. אַנסקי (פאָרזיצער — ד״ר צ. שאַבאַד, גענ.־סעקר. מ. שאַליט, נאמן ד״ר א. מאַקאָווער. נאָך דער געשאַפענער לאַגע האָבן שוין אויך די אָרטאָדאָקס־שע גרופּן נאָכגעגעבן, און ס׳האָבן פיגורירט ביי די וואַלן 10 צעטלען.

דער עיקר האָבן אַגיטירט און אָנגעווענדעט פיל כּוחות — די איינע מאַטעריעלע, די אַנדערע — מאָראַלישע — די פאָלקס־פאַראייניקונג (פון דער אָרטאָדאָקסיע און גרויסבורזשואַזיע), די ציוניסטן און דער בונד.

די רעזולטאַטן פון די וואַלן (25—27 דעצעמבער 1918) זיינען געווען פאָלגנדע: צעטל נומ. 1 (סוחרים) 1 ראַטמאַן, נומ. 2 (פאַראייניקטע סאָציאַליסטן) 3 ראַטמענער, נומ. 3 (פאָלקס־פאַראייניקונג) 9 ראַטמענער, נומ. 4 (דעמאָקראַטישע פּאַרטיי) 5 ראַטמענער, נומ. 5 (בונד) 24 ראַטמענער, נומ. 6 (ציוניסטן, צוזאַמען מיט צעירי־ציון) 24 ראַטמענער, נומ. 7 (פּועלי־ציון) 3 ראַטמענער, נומ. 8 (שומרי־תורה) 2 ראַטמענער, נומ. 9 (צעירי — ישראל) 2 ראַטמענער, נומ. 10 (האַנטווערקער) 7 ראַטמענער; ס״ה — 80 ראַטמענער.

אָבער די ניי אויסגעווילטע קהילה, אויף וועלכער מ׳האָט געלייגט אַזוי פיל האָפענונגען, האָט נאָך אַזוי גיך ניט זוכה געווען אָנצוהייבן איר אַרבעט, — דער עיקר צוליב דער פּאָליטישער סיטואַציע.

קודם־כּל נאָכן ערשטן בלאָז פון באָלשעוויזם אין אונזער קאַנט, האָבן זיך די פּועלי־ציון אָפּגעזאָגט פון זייערע מאַנדאַטן, — לויטן נייעם באַשלוס פון זייער צ. ק. ניט אַריינצוגיין אין קיין שום דעמאָקראַטיש געקליבענע פאָרשטייערשאַפט. און דאָ זיינען סוף דעצעמבער 1918 אין ווילנע פאָרגעקומען נאָך וויכטיקערע געשעענישן, וועלכע האָבן אויף לאַנג פאַראַליזירט דעם אינטערעס צו דער קהילה.

---

## IV.

דעם 29 דעצעמבער שפּעט אין אָוונט האָט דער געהילף פונם רעפערענט פאַר יידישע ענינים (הערמאַן שטרוק) ביי דער דייטשער ציווילער פאַרוואַלטונג, איזענמאַן קאָנפידענציעל דערציילט אייניקע יידישע פאָרשטייער, אַז די דייטשן פאַרלאָזן קורץ ווילנע, אַז די פּאָליאַקן האָבן באַקומען פון די דייטשן אַ סך געווער און אַז ס׳גרייטן זיך עקסצעסן קעגן יידן. — צוזאַמען מיט

די דײַטשן איז אָפּגעפּאָרן קײַן קאָוונע אויך די רעגירונג פון דער ליטווישער טאַריבע און מיט איר אויך די יידישע וויצע־מיניסטאָרן — ש. ראָזנבוים און ג. ראַכמילעוויטש.

דעם 31־סטן דעצעמבער בײַטאָג, האָבן זיך די נײַ־אויסגעקליבענע ראַטמענער פון דער קהילה פּראָוויזאָריש פאַרזאַמלט אין אַ נייטראַלן אָרט, כּדי צו באַקלערן, וואָס צו אונטערנעמען אינם פאַל פון נײַע געשעענישן. אָבער די פײַנדלעכע באַציאונגען צווישן ביידע פליגלען פון דער קהילה האָבן זיך מיט אַמאָל בולט אויפגעוויזן, און מען איז צו קיין ממשותדיקן באַשלוס ניט געקומען, אגב איז שוין אויף דער גאַס געוואָרן אומרואיק, און מען איז זיך גיך פונאַנדערגעגאַנגען.

אין שטאָט האָבן זיך באַוויזן פּוילישע יונגעלײַט מיט אויסגעשטעקטע רעוואָלווערן אין האַנט, האָבן אָנגעהויבן צו טרײַבן די יידן, געהייסן גיך צומאַכן די קראָמען, געדראָט: „זאַשטשעלאַם!" ס'איז געוואָרן אַ מהומה, אַ געלאַף, ס'האָט זיך דערפילט אַ פּאָגראָם־שטימונג און פינף אַ זייגער אין אָוונט איז שוין די יידישע באַפעלקערונג אין שרעק געזעסן אין די הייזער, די טירען צוגעמאַכט, און געוואַרט, מה יולד־יום.

אויף מאָרגן דעם 1־טן יאַנואַר 1919, זײַנען שוין אויף די גאַסן אויסגעקלעפּט געוואָרן מודעות אין פּויליש, אונטערגעשריבן פון אַ גענעראַל מאָקושעצקי, אַז ווילנע איז פאַרנומען געוואָרן דורך די פּוילישע לעגיאָנערן, די דײַטשן זײַנען פאַרטריבן און אַנטוואָפנט געוואָרן און אַז דער חלום פון דורות, ווילנע זאָל פאַראייניקט ווערן מיט דער מוטער־פּוילן, איז מקוים געוואָרן.

ס'האָבן זיך באַוויזן באַוואָפנטע פּוילישע יונגעלײַט אין ציווילע קליידער און אַ ביסל רעגולער מיליטער אין נײַע שײַנע בגדים, זײַנען אַרומגעגאַנגען איבערן שטאָט. ס'איז אַרויס אַ באַפעל אָפּציגעבן תּיכּף אַלע מינים געווער, טעלעפאָנען, וועלאָסיפּעדן א. ד. גל., ס'איז אויסגערופן געוואָרן קריגס־צושטאַנד; הקיצור, ס'האָבן זיך איבערגעחזרט אין מיניאַטור די ערשטע טעג פון דער דײַטשער אָקופּאַציע, פאַרשטייט זיך מיט ווייניקער אָרדענונג און מיט דעם חילוק, וואָס די דײַטשע אָקופּאַציע האָט געדריקט אַלעמען גלייך, און דאָ איז די פּוילישע באַפעלקערונג געווען באַגײַסטערט און די יידישע טעראָריזירט און דעפּרימירט. קליינע שקצים מיט אָנגעשפּיליעטע פּוילישע הערבן אויף די היטלען זײַנען געוואָרן די גאַנצע בעלי־בתּים, אַ סך האָבן געטראָגן ביקסן און זיך איזדיעקעוועט איבער די יידן.

ס'זײַנען פאַרבאָטן געוואָרן פאַרזאַמלונגען, דער קאָמאַנדירנדיקער גענעראַל האָט פאַרזיכערט, אַז ער וועט די באָלשעוויקעס פאַרטרײַבן פון אַרום ווילנע, און מען האָט אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן דאָס הויז פון אײַזנבאַנקרײַזל, וואו די עקזעקוטיווע פון אַרבעטער־ראַט האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן און זיך פאַרטיידיקט ביז דער לעצטער קויל.

30 מענטשן זײַנען אויף די גאַסן געוואָרן אַרעסטירט און אָפּגעפירט געוואָרן אין בנין פון דער געוועזענער קאָמערץ־ און אַגראַר־באַנק אויף געאָרג־פּראָספּעקט 8. פינף העלדישע קאָמוניסטן אין אײַזנבאַנקרײַזל מיט יהודה שימעלעוויטש בראש (בתּוכם 1 פּאָליאַק) האָבן זיך אַליין דערשאָסן, ניט וועלנדיק זיך לעבעדיקערהייט אָפּגעבן אין די הענט פון די פּאָליאַקן.

דאָס נאָרמאַלע לעבן האָט זיך אין שטאָט אָפּגעשטעלט, די יידישע באַפעלקערונג, וואָס האָט אין די לעצטע 6 חדשים פון דער דײַטשער אָקופּאַציע זיך געפילט גאַנץ היימיש און זיכער, איז געווען שטאַרק אָנגעשראָקן.

גאַנץ אומגעריכט האָבן דעם 5־טן יאַנואַר שפּעט אין אָוונט די אײַנוואוינער באַמערקט, אַז די פּוילישע פּאַטרולן אויף די גאַסן און לעבן די טירען זײַנען פאַרשוואונדן, דרייסטערע האָבן געפּרובט אַרויסגיין פון די הייזער. ס'האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז די פּאָליאַקן זײַנען האַסטיק אָפּגעטראָטן. דעם 6־טן אינדערפרי איז ווילנע אָן אַ באַדייטנדער שלאַכט פאַרנומען געוואָרן דורך דער רוסישער רויטער אַרמיי.

דאָס אויסערלעכע בילד פון שטאָט האָט זיך מיט אַמאָל שטאַרק אומגעביטן. די פּוילישע באַפעלקערונג איז עפּעס ווי פאַרקלענערט געוואָרן, פאַרשוואונדן זײַנען די אַכזריותדיקע יונגע שקצים מיט די ווײַסע אָדלערס אויף די היטלען און דער יום־טובֿדיקער פּוילישער פלעבס. פאַרקערט, די יידישע מאַסן, דערהויפּט די יוגנט, האָבן מיט אַמאָל פריילעך אָן מורא אַרויסגעשאָטן אויפן גאַס און זיך געברידערט מיט די רוסישע סאָלדאַטן. קליינע יידישע ייִנגלעך זײַנען געקראָכן צווישן די קליין געוואַקסענע רואיקע סיבירער פערד, זיי געגלעט און פריי אויף זיי געריטן. יידישע בחורים מיט פינפקאַנטיקע רויטע שטערנדלעך אויף די היטלען האָבן מיט אַמאָל באַקומען עפּעס פּאָליצייאישע פונקציעס און אומגעלומפּערט געטראָגן ביקסן אויף די רימענס. גרויסע מאַסן יונגעלײַט פלעגן באַזוכן די מיטינגען. דער שרעק פאַר אַ פּאָגראָם, די אומזיכערקייט, די צוגעדריקטע שטימונג איז בײַ דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג פאַרשוואונדן.

באַלד אָבער האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן די אַנדערע זײַט פון דער מעדאַל פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע, וועלכע האָט זיך צום שטאַרקסטן אָפּגערופן אויף דעם עקאָנאָמישן צושטאַנד דווקא פון דער יידישער באַפעלקערונג.

---

## V.

קודם־כּל, ווי בײַ יעדער אָקופּאַציע, האָבן זיך אָנגעהויבן הויז־זוכונגען, רעפּרעסיעס און אַרעסטן. מען האָט געזוכט געווער, טעלעפאָנען, וועלאָסיפּעדן, מעש, זילבער און כּלערליי פּראָוויזיע ניט נאָר אין די רײַכערע, נייערט אויך אין די אָרימסטע יידישע הייזער. אַפריער האָט מען אַרעסטירט די אַלע, וואָס האָבן געהאַט אַ שײַכות צו דער ליטווישער טאַריבע — די ליטווינער יאַנולאַיטיס, פּרוי ווילײַשיס, ד"ר וויגאָדסקי, פּרוי ראַכמילעוויטש א. אַנד. דערנאָך — די אַלע, וואָס האָבן געהאַט אַ שײַכות צו דער שטאָטפאַרוואַלטונג. נאַכהער האָט מען אָנגעהויבן צו אַרעסטירן פּוילישע גוטבאַזיצער, יידישע „בורזשויען", „ספּעקולאַנטן", און מען איז צוגעטראָטן צו „נאַציאָנאַליזירן" פאַבריקן, גרויסע געשעפטן און רעקווירירן כּלערליי סחורות און זיי אַרויספירן קײַן רוסלאַנד. ס'איז געוואָרן אַ יקרות און אַ יללה אפילו בײַ די אַרבעטנדיקע יידישע מאַסן. ס'איז אײַנגעפירט געוואָרן רוסיש געלט, לויטן קורס 1 רובל = 2 דײַטשע מאַרק. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַן אומגעזונטע ספּעקולאַציע מיט צאַרישן געלט, ניט קוקנדיק אויף די שטרענגע דעקרעטן.

דאָס גאַנצע לעבן אין שטאָט און אין געגנט איז געוואָרן געשטערט און באַגרעניצט. ס'האָבן זיך געבילדעט פאַרשיידענע אָפּטיילונגען און קאַנצעלאַריעס, וועלכע האָבן פאַרנומען אַלע מלוכישע און שטאָטישע בנינים — „סאָוונאַרכאָז", „נאַרקאָמזיעס", „נאַרקאָמפּין" א. ד. גל. מיטן רעוווקאָם בראש. יעדע קאַנצעלאַריע איז געווען פול מיט אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן ניט געהאַט, וואָס צו טאָן. דער ביוראָקראַטיזם איז געווען גרעסער, ווי בײַ די דײַטשן און בײַ די רוסן ביז דער רעוואָלוציע. אויף צו באַקומען וועלכע ס'איז ערלויבעניש אָדער פּראָדוקטן האָט מען געמוזט אָפּשטיין גאַנצענע שעהן אין די רייען.

אַלע פריערדיקע צײַטונגען זײַנען געוואָרן פאַרווערט, און ס'זײַנען אַרויס בלויז קאָמוניסטישע אין רוסיש און אין די אָרטיקע שפּראַכן. דאָס אײנציקע אָפּאָזיציאָנעלע בלאַט, וועלכע האָט

מוטיק געקעמפט קעגן דער אומפאַראַנטוואָרטלעכער פּאָליטיק און מוטוויליקייט פון די קאָמוניסטן איז געווען די בונדישע „אונזער שטימע״ אונטער דער רעדאַקציע פון מאַקס ווײַנרײַך. אין אַ רײ אַרטיקלען זײַנען אויפגעוויזן געוואָרן די פאַלשקייטן, וועלכע זײַנען באַגאַנגען געוואָרן בעת די וואַלן צו די אַרבעטער-ראַטן, ווי אַזוי גאַנצע גרופּן פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן פון אַרבעטער, אָנגעשטעלטע און ליבעראַלע פּראָפעסיעס, וועלכע קענען ניט פאַררעכנט ווערן צו די בורזשואַזע קלאַסן, זײַנען געווען באַרויבט אין זייער וואַלרעכט, כּדי די קאָמוניסטן זאָלן באַקומען אַ מערהייט.

אָבער צווישן די בונדיסטן גופא איז אויך גיך פאָרגעקומען אַ בראָך; דער שטאָטישער קאָמיטעט איז אין זײַן רוב געוואָרן קאָמוניסטיש, און די „אונזער שטימע״ האָט זיך קוים געהאַלטן, אַלס אָרגאַן פון דעם בונדישן געגנט-קאָמיטעט, וועלכער איז נאָך געבליבן טריי דעם רעכטן פליגל פון בונד.

די ווילנער יידישע באַפעלקערונג, וועלכע באַשטייט אין איר גרעסטן רוב — ניט רעכענענדיק שוין די רייכע סוחרים און פאַבריקאַנטן — פון קליינהענדלער, בעלי-מלאכות, לופטמענטשן און טאָגלוינער, איז געוואָרן פאַראָרימט, רואינירט, אונטערדריקט און זייער אומצופרידן געווען פון דער קאָמוניסטישער ממשלה. די אַרבעטסלאָזיקייט צווישן די אַרבעטער איז געוואָרן אַלץ גרעסער; פאַרזיכערט מיט חיונה זײַנען געווען בלויז די אומצייליקע אָנגעשטעלטע אין די פאַרשיידענע קאַנצעלאַריעס און די, וואָס האָבן זיך פאַררעגיסטרירט פאַר קאָמוניסטן.

אַלס כאַראַקטעריסטישער שטריך פאַר דער דאָזיקער צייט מוז פאַרצייכנט ווערן, אַז די יידישע און פוילישע נאַציאָנאַליטעט איז ניט גלייך געווען פאַרטראָטן אין די פאַרשיידענע פאַרוואַלטונגסאָפּטיילונגען און קאַנצעלאַריעס. בעת אין די אָפּטיילונגען פאַר ווירטשאַפט (סאָווגאַרכאָז), אַפּראָוויזאַציע, רעקוויזיציע, אין אַ געוויסער מאָס פון געריכט (רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל, טשע—קאַ, „באַזונדערע אָפּטיילונג״ א. ד. גל.) זײַנען דאָס רוב געווען באַשעפטיקט אָנגעקומענע און צרטיקע יידישע יונגעלייט, זײַנען אין דער מיליטערישער אָפּטיילונג, אין דער פּאָסט- און אײַזנבאַן-אָפּטיילונג, אין דער אָפּטיילונג פאַר ערד, וועלדער און נחלאות („נאַרקאָמזיעם״) דער עיקר געזעצן פּאָליאַקן. פון דרויסן האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז יידן באַלעבאַטעווען אין גאַנץ שטאָט. אָבער אין אמתן האָבן פיל פאַראַנטוואָרטלעכע ערטער פאַרנומען אויך פּאָליאַקן, ווי לעשטשינסקי (קאָמיסאַר פאַר פאָלקסבילדונג), פּעסטקאָווסקי (פאַר אויסלענדישע ענינים), קאָזלאָווסקי (אין געריכט), ציעכאָווסקי (אין רעווקאָם), יאַצינאַ (אין סאָווגאַרכאָז) א. ד. גל. פאַרוואַלטנדיק מיט דער פּאָסט און אײַזנבאַן, מיט די וועלדער און ערד-נחלאות און זייענדיק כּולשטענדיק אינפאָרמירט וועגן אַלע מיליטערישע באָלשעוויסטישע ענינים, זײַנען די אָרטיקע פּאָליאַקן אומדירעקט געווען די בעלי-בתּים פון דער לאַגע. אַז די ווילנער געזעלשאַפט „אָרט״ האָט זיך משתדל געווען צו באַקומען אַ שטיקל ערד פון דער שטאָטישער נחלה קופּריאַנישקי, כּדי אײַנצוארדענען דאָרטן אַ יידישן לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָאָפּעראַטיוו, האָבן די אָנפירער פון „נאַרקאָמזיעם״, גראַף לובענסקי, גוטבאַזיצער לאָכוויץ און אַנד. מיט אַלערליי אויסריידן אָפּגעזאָגט. און בעת ס׳איז געקומען דער פּאַסנדער מאָמענט צו פאַרטרײַבן די באָלשעוויקעס, זײַנען טאַקע אַלע פוילישע אײַזנבאַנער איבערגעגאַנגען אויפן צד פון דער פוילישער אַרמיי.

דאָס גאַנצע יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין שטאָט איז מיט דער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע פולקום אָפּגעשטעלט געוואָרן. די טעטיקייט פון פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס — קיכן, אינטערנאַטן, קאָלאָניעס, קינדערהיימען, וועלכע זײַנען געווען אָנגעפירט דורך דער געזעלשאַפט „קינדער-פאַרזאָרגונג״, איז געוואָרן פאַראַליזירט, די שולן פון „מפיצי-השכלה״ און פון אַנדערע געזעלשאַפטן האָבן געזאָלט אַריבערגיין צו דער סאָוועטישער אָפּטיילונג פאַר בילדונג אָדער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג. אין יעדער אַנשטאַלט האָט זיך געבילדעט אַ פאַרוואַלטונג פון ראַט פון די אָנגעשטעלטע, וואָס האָט געזאָלט באַקומען פּראָוויזיע און געהאַלט פון די באָלשעוויקעס.

אָבער די אַפּראָוויזאַציע איז געווען בײַ זיי שלעכט אַוועקגעשטעלט, פּראָדוקטן זײַנען געווען ווייניק, די אָרדענונג פון די דײַטשע אָקופּאַנטן האָט געפעלט, און די מאָסקווער רעגירונג האָט געשיקט אויך ווייניק געלט, דער עיקר, ווייניק „ניקאָלאַיעווסקע״, און בלויז פאַר „ניקאָלאַיעווסקע״ האָט מען געקענט וואָס עס איז באַקומען אין שטאָט און אין געגנט, וואָרים די „קערענקעס״ האָבן ניט געהאַט דעם ווערט, וואָס איז געווען אָבליגאַטאָריש פון דער מאַכט.

די אָפּטיילונג פאַר בילדונג, צעטיילט אויף נאַציאָנאַלע סעקציעס, האָט צוגעזאָגט הרים וגבעות פאַר דער אַנטוויקלונג פון יעדער נאַציאָנאַלער קולטור, דאָך האָט זיך די רוסיפיקאַציע אין שטאָט און געגנט נאָכן אָנקומען פון דער סאָוועטישער מאַכט שטאַרק געלאָזט פילן. עס איז געווען אַ פּרוב אײַנצופירן אַלגעמיינע קינדערגערטנער, קינדערפלעצער, אַפילו שולן אויף רוסיש; פאַראָרדענונגען פון דער באָלשעוויסטישער מאַכט, אַפישן פון אָפיציעלע מיטינגען א. ד. גל. זײַנען אויך געווען געדרוקט דאָס רוב אין רוסיש.

די בילדונגס-אָפּטיילונג האָט אויך געזוכט אַרײַנצונעמען אין איר רשות אַלע קולטורעלע אינסטיטוציעס אין שטאָט: האָט פאַרנומען די בנינים פון די געוועזענע לערנאַנשטאַלטן, די גרויסע עפנטלעכע ביבליאָטעק א. אַנד., האָט געשטרעבט צו „נאַציאָנאַליזירן״ אַלע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעקן: שטראַשונס, פון „מפּ צי. השכלה״ א. א. — און פאַראייניקן זיי אין איין שטאָטישער אָדער מלוכישער ביבליאָטעק.

די יידישע סעקציע האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ יידישן מאָנאַטלעכן זשורנאַל „די נייע וועלט״ און אַ פּעדאַגאָגישן זשורנאַל „פאָלקסבילדונג״ און צוגעצויגן צו זיך די היגע ליטעראַרישע כּוחות. די לערער האָבן אָנגעהויבן צו באַקומען געהאַלט פון דער נייער רעגירונג, און דאָס האָט אין אַ געוויסער מאָס שלום געמאַכט די לערערשאַפט, וועלכע איז תּמיד געזעסן אָן שכירות, מיט דער מאַכט. די העבראַאישע שולן זײַנען ווייניקער געווען פּראָטעזשירט, און די לערער פון רעליגיעזע לימודים האָבן גאָר קיין שכירות ניט באַקומען. ס׳איז געווען אַ רייד פון צומאַכן די חדרים און ישיבות און פאַרווערן דעם לימוד פון העבראַאיש און תּנ״ך אין די ערשטע 3 קלאַסן פון די פאָלקסשולן.

ניט קוקנדיק אויף די לפי-ערך גינסטיקע באַציאונגען מצד דער בילדונגסעקציע צו די וועלטלעכע יידישע שולן, פלעגט אויסקומען אויך זיי צו פירן אַ קאַמף מיט דער בילדונגס-אָפּטיילונג קעגן אירע רוסיפיקאַטאָרישע און אַסימילאַטאָרישע טענדענצן און בכלל קעגן דער שטרעבונג זיך אַרײַנצומישן אין אַלע נאַציאָנאַלע, שול- און קולטור-ענינים. אין דעם פּרט איז די יידישע לערערשאַפט, פּונקט אַזוי ווי אין די צייטן פון דער דײַטשער אָקופּאַציע, געגאַנגען צוזאַמען מיט דער פוילישער און געשלאָסן אַ בונד קעגן די אימפּעריאַליסטישע און גיוועלירנדיקע טענדענצן פון דער קאָמוניסטישער מאַכט.

אויך אויף אַנדערע געביטן איז אויסגעקומען דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט ענערגיש צו קעמפן קעגן דער באָלשעוויסטישער ממשלה און זיך צוצופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען.

די געזעלשאַפט „אָרט״, וועלכע, נאָכדעם ווי ווילנע איז געוואָרן פאַרבונדן מיט פּעטערבורג, האָט באַקומען פון דאָרטן עטוואָס מיטלען, האָט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן לאַנדווירטשאַפט-

לעכע קאָאָפּעראַטיוון און געדונגען אַ נחלה ערד 4 וויאָרסט פון שטאָט („זשוראַוויצי״ אויפן טראַקט צו ווערקי) פון 24 דעסיאַטין און געזוכט זיך פאַרבינדן מיט אַרומיקע יידישע קאָלאָניסטן און זיי צו שטיצן מיט זריעה און מאַשינען.

אויפן געביט פון מלאכה האָט „אָרט״ שוין אָנגעהויבן איינצואָרדענען קאָאָפּעראַטיווע סטאָלערשע און מעכאַנישע (פאַר שלאָסער און בלעכער) וואַרשטאַטן. צו דעם צוועק איז דער געזעלשאַפט איבערגעגעבן געוואָרן אַ גאַנצער סכום מאַטעריאַל און מאַשינען, וואָס דער ווילנער צענטראַל=קאָמיטעט האָט אָפּגעקויפט ביליג ביי די דייטשן. אָבער דאָ האָט זיך אַריינגעמישט דער „פאָלקוויראַט״ (ראַט פאַר פאָלקס=ווירטשאַפט — „סאָוונאַרכאָז״), אָפּגעשריבן און כּאַרחתמעט דעם גאַנצן אינווענטאַר און פאַרווערט וואָס עס איז צו טאָן אָן זיין השפּעה.

די לאַנד=ווירטשאַפטלעכע קאָלאָניע פון „הילף דורך אַרבעט״ אין היילוציאַני (8 וויאָרסט פון ווילנע), וועלכע איז נאָך געווען איינגעאָרדנט בעת דער דייטשער אָקופּאַציע דורך דעם אַרמיי=ראַבינער לעווי, האָט ווייטער פונקציאָנירט און געהאַט ביי זיך 30 תּלמידים. שפּעטער אין אַ יאָר אַרום, אונטער דער ווירקונג פון דער צווייטער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע, בעת ווילנע איז געוואָרן „מיטל=ליטע״, האָבן זיך אָנגעהויבן רייבונגען צווישן די שילער און דער פאַרוואַלטונג, און די דאָזיקע ערד איז צוגענומען געוואָרן אַלס אַזעלכע, וואָס דאַרף געהערן צו דער מלוכה (ביי די רוסן איז דאָ געווען אַ קאָלאָניע פאַר קליינע פאַרברעכער און געהערט צום יוסטיצמיניסטעריום).

אַ גרויסע אַרבעט איז געשטאַנען פאַר דער ווילנער געזעלשאַפט אויפן געביט פון זאָרג פאַר די רעעמיגראַנטן, וואָס קערן זיך אום פון רוסלאַנד אין די קליינע שטעטלעך אַריין און די, וואָס זיינען געבליבן אין ווילנע. די נייע קהילה, וועלכע האָט זיך גאָרניט געקאָנט צוזאַמענקלייבן ביי די דאַמאָלסטיקע באַדינגונגען און האָט געבילדעט פון זיך אַ קאָלעגיע פון 7 מיטגלידער (אָן די סאָציאַליסטן) איז ניט געווען ביכולת זיך צו פאַרנעמען מיט דעם דאָזיקן ענין און האָט געמוזט באַגרעניצן איר אַרבעט מיט קליינע אָרטיקע פראַגן.

דאַן האָט זיך לויט דער איניציאַטיווע פון פּעטערבורגער „יעקאָפּאָ״ און אויך מיט זיינע מיטלען, געבילדעט אין ווילנע דער געגנט=קאָמיטעט „יעקאָפּאָ״, אין וועלכן ס׳זיינען אַריין אַ גרופּע דעמאָקראַטישע טוער. דער געגנט=קאָמיטעט „יעקאָפּאָ״ האָט גענומען אויף זיך די גאַנצע זאָרג פאַר די אַנטרונענע און היימלאָזע. דעם געגנט=קאָמיטעט איז געלונגען צו שטעלן זיך אין גוטע באַציאונגען מיטן „פלענביעזש״ (אָפּטיילונג פאַר געפאַנגענע און פּליטים) און שפּעטער האָט דער קאָמיטעט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער אינסטיטוציע, וועלכער עס איז אויסגעקומען צו שפּילן אַ גוואַלטיקע ראָלע אינם אויפבויען די פּראָווינץ.

---

## VI.

3½ חדשים האָבן די באָלשעוויקעס געבאַלעבאַטעוועט אין ווילנע און אין געגנט און צורואינירט אַלצדינג, וואָס די דייטשן האָבן ניט באַוויזן צו צעשטערן. דער דאָזיקער פּעריאָד האָט קודם=כּל געווירקט אויף דעם עקאָנאָמישן מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג, אָפּגעשטעלט די אַנטוויקלונג פון דער יידישער אינדוסטריע, האַנדל און מלאכה. חוץ דעם האָט די קאָמוניסטישע השפּעה צעטרייסלט דאָס גאַנצע יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן, כּאַשאַרפט דעם קלאַסן=קאַמף, צעשפּאָלטן די רייען פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און דער יידישער סאָציאַליסטישער און



דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט די באָלשעוויסטישע פּראַקטיק געבראַכט אונזער קאַנט דעם פרישן אָטעם פון דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע, פון וועלכער די באַפעלקערונג האָט בלויז געהערט פון ווייטן און וועלכע זי האָט אַליין ניט איבערגעלעבט. דער דאָזיקער דונערדיקער אָפּקלאַנג פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט געהאַט בלי=ספק אַ גרויסע ווירקונג אויף דער ווייטערדיקער פּאָליטישער און סאָציאַלער אַנטוויקלונג פון ליטע און פוילן — אין זין פון דעמאָקראַטיזירונג און רעוואָלוציאָניזירונג.

אין סאַמע ברען פון דער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע, אין מיטן פון איר גרויסן פאַרנעם און זיכערקייט אין ווייטערדיקע נצחונות ביז דייטשלאַנד און פראַנקרייך, האָבן זיך פּלוצלונג אין ווילנע פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די פוילישע אַרמיי האָט פאַרנומען לידע, אַז די „רויטע״ אייזנבאַנער און פוילישע פאָלקן פון דער רויטער אַרמיי זיינען אַריבער צו די פּאָליאַקן, און שבת אינדערפרי דעם 19=טן אַפּריל 1919, חוה״מ פּסח, ערב דער קריסטלעכער פּאַסכאַ, האָט דאָס פוילישע חייל, גאַנץ אומגעריכט פאַר דער באַפעלקערונג, פאַרנומען די גאַנצע באַנליניע און אַריין אין ווילנע. די רויטע אַרמיי איז געלאָפן, אַלע באָלשעוויסטישע אינסטיטוציעס מיט די פאַראַנטוואָרטלעכע קאָמוניסטן האָבן אין גרויס האַסט זיך באַוויזן צו עוואַקואירן, און אין שטאָט איז געבליבן אַ קליינער העלדישער אַריערגאַרד, וועלכער האָט געדאַרפט אָפּהאַלטן די פוילישע אַרמיי און פאַרדעקן מיט זיך דעם אָפּטרעטנדיקן באָלשעוויסטישן חייל און די קאָמוניסטישע פאַרוואַלטונגען צוויי טעג האָט געדויערט די שלאַכט אין שטאָט; גאַס פאַר גאַס זיינען ביסלעכווייז איבערגעגאַנגען צו די פּאָליאַקן.

פאַר די יידן זיינען אָנגעקומען די טרויעריקע „אַפּריל=טעג״, וועגן וועלכע מען האָט שוין פיל געשריבן — אמת און רכילות.

געוויס, איז די לאַגע פון דער פוילישער אַרמיי געווען אַ שווערע: ווי שטאַרק ס׳איז געווען דער שונא, וועלכער האָט זיך באַהאַלטן און זיך פאַרטיידיקט אין די גאַסן, — איז איר געווען אומבאַקאַנט. ווי ס׳האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, איז די פוילישע אַרמיי אַריין אין ווילנע מיט זייער קליינע כּוחות. די פאַרבייזטע פוילישע סאָלדאַטן האָבן פון אומעטום דערוואַרט אַן אָנפאַל און אין יעדן יידן געזען אַ באָלשעוויק. דעם דאָזיקן אָבערגלויבן האָבן אונטערשטיצט די גאַנצע פוילישע געזעלשאַפט און די העכערע מיליטערישע מאַכט. דערפון האָט זיך גענומען און באַפעסטיקט דער בילבול, אַז „די יידן האָבן געשאָסן אין דער פוילישער אַרמיי פון די פענסטער און פון די דעכער״. און ס׳איז נאָך עד=היום פאַראַן ביי זוויליקע פאַנאַטיקער צווישן דער פוילישער געזעלשאַפט, וועלכע זאָגן, אַז זיי האָבן דאָס „אַליין געזען״.

גלייך ביים אַריינגיין אין שטאָט האָבן די פוילישע סאָלדאַטן געכאַפּט יעדן יידן, וועלכן זיי האָבן נאָר באַגעגנט אויף דער גאַס, געשלאָגן און אַרעסטירט. דריי טעג נאָכאַנאַנד האָט מען געזוכט אין די הייזער, אַרויסגעשלעפט די יידן פון די וואוינונגען, אַ טייל אָפּגעפירט אונטערן שטאָט, אויף ליפּובקע, וואו ביז 10 פערזאָן זיינען דערשאָסן געוואָרן, אַ טייל אָפּגעפירט אויפן וואָקזאַל. איייניקע טויזנט יידן זיינען אויף אַזאַ אופן געוואָרן אַרעסטירט, געשלאָגן און באַרויבט, ביז 70 זיינען דערשאָסן געוואָרן און אומשולדיק געפאַלן אַלס קדושים.

מאָנטאָג, דעם 21=סטן אַפּריל, בעת די רעשטלעך פון דער רויטער אַרמיי זיינען שוין אינגאַנצן פאַרטריבן געוואָרן פון שטאָט, האָט אַן אָפּטיילונג פון פוילישן מיליטער באַשאָסן לעבן פּאָהוליאַנקע דאָס הויז 7 אויף זאַמד=גאַס, וואו ס׳האָבן געוואוינט א. ווייטער, ש. ניגער, ל. יפה, — אונטערן אויסרייד, אַז דאָרטן „האָט מען געשאָסן פון די פענסטער״. אַלע יידן האָט מען אַרויסגעשלעפּט אויף דער גאַס; ווייטערן האָט מען דערשאָסן, און די

קויל איז דורך דורך אים און געטראָפן אין ברוסט די אַרטיסטין שערמאַן. ניגערן און יפהן האָט מען, אָן היטלען, פאַרטריבן אויכן וואָקזאַל, וואו ס׳זיינען שוין געווען הונדערטער יידן.

אין אַ פּאָר שעה אַרום איז אונז געלונגען מיט סכנת־נפשות צוצוקומען צום וואָקזאַל, דערשלאָגן זיך צום קאָמענדאַנט און דערקלערן אים, אַז ניגער און יפה זיינען ליטעראַטן, האָבן קיין שום שייכות ניט צום באָלשעוויזם און האָבן אויף קיין פאַל ניט געקענט שיסן פון די פענסטער. אונזערע רייד האָבן משמעות געהאַט אַ ווירקונג אויפן קאָמענדאַנט, און ער האָט געגעבן אַ באַפעל ברענגען צו פירן די אומגליקלעכע. אַרום זיינען געשטאַנען פאַרשפאַרט אונטער אַ גראַטע הונדערטער יידן און האָבן געקוקט אויף אונז מיט קנאה און האָפענונג, און דאָרטן אויף די רעלסן האָבן זיך געפונען טויזנטער יידן צוזאַמען מיט די געפאַנגענע רוסישע סאָלדאַטן. אין אַ מינוט 10—15 אַרום דאָט מען געבראַכט צו פירן יפהן און ניגערן, אָפּגעריסענע, צעפּעפליקטע, אָנגעטאָן ווי פראָפעסיאָנעלע שלעפּערס (דאָס האָט די חברה שוין באַוויזן צוצונעמען ביי זיי זייערע בגדים און אָנקליידן אין טראַנטעס). דער קאָמענדאַנט האָט שוין געוועסט געהאַט אונטערגעשריבן אַ פּאַפּירל, אַז זיי זיינען פריי, יפה האָט עפּעס אָנגעהויבן זיך צו באַקלאָגן, אַז ער עסט זיך צו ווייזן אין שטאָט אין אַזאַ הילוך, ווי ס׳איז צוגעלאָפן אַ פּוילישער לייטענאַנט און האָט מיט פאַרוואונדערונג און אויפגערעגטערהייט געזאָגט: „סטייטש, דער קאַפּיטאַן באַפרייט די יידן! איך האָב דאָך אַליין געזען, ווי זיי האָבן געשאָסן פון די פענסטער!“—דעם קאַפּיטאַנס געזיכט האָט זיך מיט אַמאָל אומגעביטן, געוואָרן בייז; ער האָט גאָרניט געוואָלט ווייטער הערן אונזערע רייד, תיכף געהייסן צופירן יפהן און ניגערן אונטער דער גראַטע, און אונז געבעטן צרויסגיין. — ס׳איז קלאָר געווען, אַז אונזערע ביידע ליטעראַטן זיינען שוין געווען פאַרמשפּט צום טויט, — און נאָר אונזערע ווייטערדיקע שתדלנות אין פאַרשיידענע אינסטאַנצן, ביז דעם מלוכה־שעף יוזעף פּילסודסקי אַליין, האָט זיי געראַטעוועט דעם לעבן. ערשט אין 6 טעג אַרום זיינען זיי צוריק געבראַכט געוואָרן פון לידע און באַפרייט געוואָרן.

מיר האָבן זייער קורץ איבערגעגעבן דעם דאָזיקן עפּיזאָד אַלס אַ כאַראַקטעריסטישן פאַר יענער צייט. פון דאַן אָן האָט זיך אָנגעהויבן אַ גאַנצע סדרה פון שתדלנות ביי דער מאַכט פאַר די טויזנטער אַרעסטירטע יידן, וועלכע האָבן אין שרעקלעכע באַדינגונגען געשמאַכט אין די ווילנער, לידער, ביאַליסטאָקער תפיסות און דערנאָך אין די געפאַנגענע־לאַגערס, ליידנדיק פון הונגער און פון טיפוס. מיט ראַטעווען די אומגליקלעכע האָבן זיך פאַרנומען לכתחילה ספּעציעלע אויספאָרשונגס־קאָמיסיעס, אין וועלכע ס׳זיינען אריין אויך יידישע פאָרשטייער, דערנאָך אַ ספּעציעלע יורידישע קאָמיסיע ביי דער קהילה און דער פּרעזידיום פון דער קהילה.

אָבער דער אָנטייל פון דער יידישער פאָרשטייערשאַפט איז ניט באַשטאַנען אין געוויינלעכער שתדלנות פון אַמאָליקן שניט.

שוין אין דעם ערשטן וויזיט, וועלכן די יידישע דעפּוטאַציע האָט געמאַכט מיטוואָך אויף מאָרגן נאָך פּסח דעם מלוכה־שעף, האָט זי דערציילט, ווי צוויי יידישע פאָרשטייער, הרב רובינשטיין און ד״ר שאַבאַד, זיינען מיט אַ טאָג צוריק, גייענדיק אין וואָיעוואודסטוואָ, אַרעסטירט געוואָרן אויף דער גאַס דורך סאָלדאַטן צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער יידן; ווי מען האָט זיי געשלאָגן, זיך איזדיעקעוועט איבער זיי און אָפּגעהאַלטן אַ גאַנצן טאָג אויף דער גאַס און דערנאָך אויפן הויף פון פּאָסט. מען האָט איבערגעגעבן דעם מלוכה־שעף פון דער זכוריות פון מיליטער און פון המון און פון די אַלע עינויים, וואָס ווערט אָנגעטאָן די יידן.

אויך אין אַלע ווייטערדיקע אינטערווענצן ביי דער פּוילישער מאַכט האָבן די יידישע פאָרשטייער זיך אַלע מאָל באַמיט ריכטיק פאָרצושטעלן די פאָדערונגען פון דער יידישער באַפעלקערונג און פאַרטיידיקן דעם כבוד און דאָס רעכט פון די יידן אַלס מענטשן און בירגער.

---

### VII.

אין צוויי וואָכן אַרום, נאָכן אַריינגאַנג פון די פּאָליאַקן אין ווילנע, האָט די יידישע באַפעלקערונג ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו קומען צו זיך און צוגעטראָטן צו בויען איר עקאָנאָמישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. ס׳האָט זיך געפילט אַ גרויסע באַדערפעניש אין אַן אייגענער פּרעסע. אַ יידישע סאָציאַליסטישע צייטונג איז ניט געווען מעגלעך אַרויסצוגעבן: ס׳האָבן געפעלט די פאַראייניקטע כוחות און די נייטיקע מיטלען. אַפריער איז געווען אַ געדאַנק, צוליב דוחק אין מיטלען, אַרויסצוגעבן איין יידישע דעמאָקראַטישע צייטונג, וועלכע זאָל איינשליסן אויך די ציוניסטישע ריכטונג. אָבער דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר ניט מעגלעך, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס בראש פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי איז געשטאַנען דאַן אַזאַ טאָלעראַנטע פּערזאָן, ווי לייב יפה.

פרייטאָג דעם 9 מאַי 1919, אין איין און זעלביקן טאָג, זיינען ערשינען אין ווילנע מיטאַמאָל צוויי טעגלעכע יידישע צייטונגען: דער „טאָג“, אַן אומפּאַרטייאישע דעמאָקראַטישע צייטונג, אין וועלכער ס׳האָבן זיך פאַראייניקט די בעסטע דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע כוחות (ש. ניגער, ז. רייזען, מאַקס ווײַנרייך, פ. נאָוויק א. אַ.) און אַ ציוניסטישע „יידישע צייטונג“. ש. אַנ—סקי האָט גענומען אַן אָנטייל אין ביידע אָרגאַנען. שפּעטער האָט דער „טאָג“ געענדערט זיין נאָמען אויף „אונזער טאָג“, און די „יידישע צייטונג“—מיט אַ הפסקה פון אַ האַלב יאָר—אויף „אונזער פריינד“. ביידע צייטונגען איז אויסגעקומען צו שפּילן אַ באַדייטנדע ראָלע אין לעבן פון ווילנע און גאַנצן קאַנט.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן, צום ערשטן מאָל נאָך אַ לאַנגער הפסקה, די ראַטמענער פון דער קהילה, אָן די סאָציאַליסטן—וועלכע האָבן זיך נאָך פריער, גלייך נאָך די פּועלי־ציון—אָפּגעזאָגט פון זייערע מאַנדאַטן. אויף דער דאָזיקער זיצונג איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע קעגן דער האַנדלונג פון דער פּוילישער אַרמיי בנוגע דער יידישער באַפעלקערונג, מיט אַ פאָדערונג צו באַשטראָפן די שולדיקע. די דאָזיקע רעזאָלוציע, וועלכע איז דערלאַנגט געוואָרן דער מאַכט און אָפּגעדרוקט געוואָרן אין ביידע יידישע צייטונגען, און טיילווייז אויך אין די פּוילישע,—האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר די ווייטערדיקע פּויליש־יידישע באַציאונגען.

אויף דער זעלבער זיצונג איז אויך אַרויסגעטראָגן געוואָרן פון די דעמאָקראַטן אַ פאָרשלאָג צו די סאָציאַליסטישע ראַטמענער, זיי זאָלן ווידער אַריינטרעטן אין דער קהילה, כדי ניט צוצוברעכן די גאַנצקייט פון דער יידישער פאָרשטייערשאַפט.

דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן, און דעם 25 מאַי 1919 האָבן 77 ראַטמענער (די 3 „פּועלי־ציון“, לויטן באַשלוס פון זייער פּאַרטיי, האָבן זיך לחלוטין אָפּגעזאָגט צו גיין אין קהילה) אין זייער אַ פייערלעכער זיצונג, אין דער געגנוואַרט פון אַ גרויסן זייטיקן עולם, זיך צוזאַמענגעקליבן, כדי אויסצוויילן אַ פּרעזידיום פון 7 פּערזאָן. עס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן 2 ציוניסטן (ד״ר וויגאָדסקי — וויצע־פאָרזיצער און ד״ר יוסף בערגער—גענעראַל־סעקרעטאַר), 2 בונדיסטן (שלמה קלייט—וויצע־פאָרזיצער און מאַקס ווײַנרייך—סעקרעטאַר), 1 פון כאָלקס־פאַראייניקונג (הרב רובינשטיין—וויצע־פאָרזיצער) און איינער פון די האַנטווערקער (רינגדזונסקי). אַלס פאָרזיצער איז מיט די שטימען פון די דעמאָקראַטן, סאָציאַליסטן און האַנטווערקער אויס־

עוויילט געוואָרן ד״ר צ. שאַבאַד (פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי).

דער פּרעזידיום האָט געדאַרפט זיין דערהויכט אַ רעפּרעזענטאַטיווער אָרגאַן, אָנפירן מיט פּלענאַרע זיצונגען, אויסאַרבעטן תּקנות א. א. וו. די ריין פּראַקטיש-טעכנישע אַרבעט איז געלעגן אויף דער פאַרוואַלטונג, מיט באַצאָלטע אָנגעשטעלטע. זי איז אויך געקליבן געוואָרן פון גאַנצן פּלענום, איז געווען פאַר אים פאַראַנטוואָרטלעך און האָט געדאַרפט באַשטיין פון 7 אָפּטיילונגען. לויטן אָפּמאַך פון די פּאַרטייען, האָט די פאַרוואַלטונג געדאַרפט זיין גרופּירט, ווי דער פּרעזידיום. די מערהייט איז אָבער אויף דעם אין לעצטן מאָמענט ניט איינגעגאַנגען און האָט פאַרטיילט די אָפּטיילונגען צווישן אירע מיטגלידער. די לינקע האָבן דאַן זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען אַן אָנטייל אין דער פאַרוואַלטונג, און אין דעם איז שוין געלעגן דער שורש פון די ווייטערדיקע מחלוקות.

אַלס פאַרוואַלטערס זיינען געווען אויסגעקליבן: פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג א. קרוק (ה), רעליגיעזע ענינים—הרב גראָדזענסקי (פ-פ), פינאַנסן—י. שעסקין (צ), סאָציאַלע פאַרזאָרגונג—ד. אוצעכאָווסקי (פ-פ), דערנערונג—א. רודניצקי (צ), בילדונג — ד״ר בערגער (צ) (פון אַ גענעראַל-סעקרעטאַר זיך אָפּגעזאָגט).

דער פּרעזידיום פון דער קהילה האָט געהאַט פיל צו טאָן אין די ענינים פון רעפּרעזענטאַנץ כלפּי-חוץ, צו זאָרגן פאַר די טויזנטער אַרעסטירטע יידן, קעמפן פאַר דער אָנערקענונג פון דער יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג און פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע מצד דער מלוכה און מאַגיסטראַט, זאָרגן בכלל צו באַקומען פּראָדוקטן און געלט-אונטערשטיצונג וכדומה.

נאָך מער האָט געהאַט אַרבעט די פאַרוואַלטונג, אָרגאַניזירנדיק אַ גרויסן אַפּאַראַט פון אַנשטאַלטן און שטרעבנדיק אַריינצונעמען אין אירע הענט די גאַנצע דערנערונג פון דער אָרימער יידישער באַפעלקערונג: אַלע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס (מושב-זקנים, יתומים-הייזער, קינדער-אינטערנאַטן א. א.), אַלע רעליגיעזע אינסטיטוציעס (שׂכירות פאַר רבנים) און קולטורעלע אַנשטאַלטן (שולן, קינדער-גערטנער, ביבליאָטעק).

די פּראַקטיק האָט דערוויזן, אַז ס׳איז געווען אַ גרויסער פעלער פון דער פאַרוואַלטונג צו קאָנצענטרירן אין דער קהילה דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן פון דער יידישער ווילנע, בפרט נאָך, ווען די קהילה האָט קיין אייגענע מיטלען אַחוץ אַמעריקאַנער געלטער ניט געהאַט, און ניט געהאַט אויך דאָס רעכט אַרויפצולייגן שטייערן אויף דער יידישער באַפעלקערונג. ריכטיקער וואָלט געווען, ווען די קהילה וואָלט זיך באַנוגנט בלויז מיט קאָאָרדינירן די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, קאָנטראָלירן זי און אין אַ געוויסער מאָס סובסידירן.

די דעפיציטן פון דער קהילה זיינען געוואַקסן אַלץ מער און מער. צוליב דעם פלעגן זיך פאַרשאַרפן די באַציאונגען פון דער פאַרוואַלטונג צו די צאָלרייכע אָנגעשטעלטע (אין ביוראָ, קיכן, קינדער-אַנשטאַלטן, שולן), וועלכע זי פלעגט ניט צאָלן קיין שׂכירות צו דער צייט, און דער אומצוטרוי און פיינדשאַפט צו דער פאַרוואַלטונג איז געוואַקסן מיט־יעדן טאָג. ס׳פלעגן אָפּט פאָרקומען שטרייקן פון די אָנגעשטעלטע, פון וועלכע דער שטרייק סוף 1919 איז געווען דער לעצטער קלאַפּ, וועלכער האָט צעבראָכן די קהילה אויף צוויי טיילן: אַ רעכטע מערהייט, וועלכע איז געווען מסכּים מיט דער פאַרוואַלטונג, און אַ לינקע, וועלכע האָט די פאַרוואַלטונג און איר גאַנצע פירונג פאַרמשפּט. אַלע פּרובן, אַז די לינקע פּאַרטייען זאָלן נעמען אַן אָנטייל ניט נאָר אין פּרעזידיום, נייערט אויך אין דער פאַרוואַלטונג, זיינען געבליבן אָן רעזולטאַטן, די לינקע פּאַרטייען האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די קהילה (אייניקע זיינען אָפּגעפאָרן, ווילנדיק צו ניט ווילנדיק, אייניקע זיינען געוואָרן אַרעסטירט), דער פאָרזיצער פון דער קהילה איז דורך דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אָפּגערופן געוואָרן, און ס׳זיינען פאָרגעקומען נייע וואַלן סיי אין פּרעזידיום, סיי אין דער פאַרוואַלטונג — שוין אָן דעם אָנטייל פון די סאָציאַליסטן און פון די דעמאָקראַטן (געבליבן זיינען אָרטאָדאָקסן, סוחרים, ציוניסטן און האַנטווערקער). אַלס פאָרזיצער פון פּרעזידיום איז אויסגעקליבן געוואָרן ד״ר וויגאָדסקי, אַלס פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג—א. קרוק.

ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די ווילנער קהילה אין איר אַנדער צוזאַמענשטעל האָט אַ סך ווייניקער אַווטאָריטעט און צוטרוי ביי דער באַפעלקערונג, דער עיקר ביי די ברייטע מאַסן, ווי פריער, שפּילט דאָך אַפילו די איצטיקע צעבראָכענע קהילה כלפּי-חוץ די ראָלע פון אַ פאַרטרעטערין פון די יידישע אינטערעסן.

די צעבראָכנקייט פון דער קהילה האָט געווירקט אויף דעם, אַז די דיפערענצירונג פון דער יידישער געזעלשאַפט איז געוואָרן טיפער און פאַרשיידענע גרופּן איז אויסגעקומען צו נעמען אויף זיך מער איניציאַטיווע.

די אַרבעט אויפן קולטורעלן געביט (שולן, פאָר- און אויסער-שול-בילדונג) איז געוואָרן שאַרף אָפּגעזונדערט ביי פאַרשיידענע ריכטונגען אויף דער יידישער גאַס.

די גאַנצע וועלטלעכע יידישע בילדונג איז קאָנצענטרירט געוואָרן אין צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט (צ. ב. ק.), די העברעאישע שולן—אין „תּרבות“, די רעליגיעזע — אין „וועד המאוחד“ און צולעצט אין נאָך אַ פערטער צענטראַלע—אין „וועד העזרה“ (די עקסטע אָרטאָדאָקסישע ריכטונג). אַלע 3—4 צענטראַלעס האָבן צווישן זיך קאָנקורירט הן אין צוציען אין זייערע שולן תּלמידים, הן אין באַקומען געלט פון אַמעריקע. לויט דער השפּעה אויף די ברייטע יידישע מאַסן פאַרנעמט בלי-ספק דער צ. ב. ק. דעם באַדייטנדסטן אָרט אין יידישן לעבן. חוץ דעם מוז אָנגעוויזן ווערן, אַז אַדאַנק דער גרויסער איניציאַטיווע און דערגרייכונגען פון צ. ב. ק., זיינען פיל אויפטוען פון זיינע לערנאַנשטאַלטן אויך גאָכגעמאַכט געוואָרן פון די איבעריקע צענטראַלעס.

די יידישע וועלטלעכע שול-אָרגאַניזאַציעס האָבן גערופן צו אַקטיווע אַרויסטרעטונגען און פאָדערונגען פאַר דעם רעכט פון דער יידישער שול אויסגעהאַלטן צו ווערן פון דער רעגירונג און פון דער שטאָטפאַרוואַלטונג גלייך מיט די פּוילישע שולן. אין דער זעלבער צייט האָבן זיי גערופן צו זעלבסטהילף און זעלבסטטעטיקייט און בכלל געווירקט אַזוי, אַז דער געדאַנק פון דער וועלטלעכער יידישער שול ווערט אַלץ טיפער איינגעדרונגען אין דעם באַוואוסטזיין פון די ברייטע פאָלקס-מאַסן.

---

### VIII.

די נייע פּוילישע מאַכט האָט אָפיציעל געקוקט אויף זיך ניט ווי אויף אַ שטענדיקער, נייערט ווי אויף אַ צייטווייליקער, כמעט ווי אויף אַ אָקופּאַציאָנס-מאַכט. יוזעף פּילסודסקי, פאַרנעמענדיק ווילנע, האָט אַרויסגעגעבן אַ פּראָקלאַמאַציע, אין וועלכער ער איז מודיע, אַז דאָס פּוילישע מיליטער האָט פאַרטריבן די באָלשעוויקעס, נאָר כּדי דער גאַנצער באַפעלקערונג פון ווילנער קאַנט, אָן אויסנאַם פון נאַציאָנאַליטעט, צו געבן די מעגלעכקייט אַליין צו באַשטימען דעם גורל פון קאַנט און זיין מלוכישע צוגעהעריקייט. מיט דעם איז שוין געלייגט געוואָרן דער יסוד פון דעם געדאַנק וועגן אַן אייגענעם ווילנער סיים.

כּדי אָנצופירן מיט די ענינים פון קאַנט, איז געשאַפן געוואָרן אַ „פאַרוואַלטונג פאַר די מזרח-לענדער“ מיט יעזשי אָסמאָלאָווסקי בראש, אַן אָנהענגער פון פּילסודסקיס פּאָליטיק. ער האָט

אָבער ניט פאַרשטאַנען צוצוציען אויף זיין זייט ניט די רעכטע, ניט די לינקע עלעמענטן. די פאַרוואַלטונג איז צעטיילט געוואָרן אויף דעפאַרטאַמענטן, האָט אַרויסגעגעבן געזעצן און תקנות, וועלכע האָבן געזאָלט אויפבויען דעם רואינירטן קאַנט; אָבער אין דערזעלבער צייט האָט מען געשטרעבט זייער שטאַרק צו פּאָלאָניזירן די „קרעסן".

אויף דער פּראָווינץ, אין יעדן גרעסערן אָרט, זיינען געשאַפן געוואָרן פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס פלעגן דערנאָך שיקן פאָרשטייער אין די קרייז=סיימיקעס, וועלכע פלעגן אַלעמאָל אַרויסטראָגן באַשלוסן וועגן דעם ווילן פון דער באַפעלקערונג צוזאַמענגעבונדן צו ווערן מיט פּוילן. די יידן פלעגן זיך דאָס רוב אָפּזאָגן צו נעמען אַן אָנטייל אין די וואַלן צו אַזעלכע סיימיקעס, וועלכע פלעגן געוויינלעך פאָרקומען זייער פּרימיטיוו, אונטער דער השפּעה פון די באַאַמטע אָ־ער פון די פּוילישע נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען.

אין די קרייז=שטעט (לידע, סווענציאַן, אָשמענע) און אין ווילנע גופא זיינען פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלגעמיינע דעמאָקראַטישע וואַלן אין דער שטאָט=פאַרוואַלטונג. ביז דאַן האָט אין ווילנע פונקציאָנירט אַ ציוויליקער מאַגיסטראַט מיט ווי־טאָלד אַבראַמאָוויטש בראש אַלס שטאָט=פּרעזידענט, וועלכער איז געווען באַשטימט פון מלוכה=שעף אַליין. אין דעם דאָזיקן מאַגיסטראַט זיינען אַריין אויך דריי יידן: אַד. גאָרדאָן, ש. טראָצקי און מאָרגאָוויצקי, וועלכע האָבן זייער ווייניק געקענט אויפטאָן פאַר די אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די וואַל=אָרדינאַציע איז אייניקע מאָל געביטן געוואָרן, אין אַ געוויסער מאָס אונטערן דרוק פון די פאָדערונגען פון די יידן, און ענדלעך, אין יולי 1919, זיינען פאָרגעקומען די וואלן, דורך וועלכע אין שטאָטראַט זיינען אַריין 34 פּאָליאַקן מיט אַ גרויסער ענדעקישער מערהייט און 14 יידן. דער שטאָטראַט איז געקליבן געוואָרן אויף דריי יאָר, פונקציאָנירט נאָך עד=היום און האָט תמיד געשטרעבט ניט נאָר זיך צו פאַרנעמען מיט קאָמונאַלע ענינים, נייערט אויך צו שפּילן אַ פּאָליטישע ראָלע אין זין פון פּוילישן נאַציאָנאַליזם. די לאַגע פון די יידישע ראַטמענער, וועלכע האָבן געבילדעט אַ יידישע פראַקציע, איז געווען זייער אַ שווערע: אין פּאָליטישע ענינים האָבן זיי זיך פּרינציפּיעל ניט געמישט, און ביי אַזעלכע פראַגן פלעגן זיי זיך דעמאָנסטראַטיוו אָפּהאַלטן. פאַר די יידישע אינטערעסן פלעגט זיי זייער זעלטן געלינגען וואָס אויסצופירן. די דעבאַטן פלעגן זיך פירן אויף פּויליש, וואָס ניט אַלע יידישע ראַטמענער האָבן באַהערשט, און צו באַקומען זשטיצע פון מאַגיסטראַט אויף די יידישע אַנשטאַלטן, אין דער עלבער מאָס, ווי ס'ווערן אויסגעהאַלטן די פּוילישע, פלעגט ניט תמיד געלינגען.

דער אָנטייל פון די יידן אין שטאָטראַט, אפילו אויך אָן די סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן די וואַלן באָיקאָטירט, האָט דאָך געהאַט אַ געוויסע באַדייטונג הן פאַר דער שטאָט גופא, הן פאַרן שוץ פון די די אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג. ניט איין מאָל האָט די שטים פון די יידישע ראַטמענער באַוואויגן דעם ענדעקישן שטאָטראַט אָנצונעמען דעם אָדער יענעם באַשלוס, וועלכער האָט מער אָדער ווייניקער אַנטשפּרעכט דעם כבוד פון דער העכסטער פאָרשטייערשאַפט פון שטאָט אין יושר בנוגע די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן.

אַזוי, למשל, איז לויט דער איניציאַטיווע פון די יידישע ראַטמענער, נאָך לאַנגע און הייסע דעבאַטן, אויפגעוועקט געוואָרן די פראַגע און אויסגעקליבן געוואָרן אַ דעלעגאַציע צו פּראָטעסטירן קעגן דעם אכזריותדיקן שיסן פון די יידישע פורמאַנעס אויפן באַן, קעגן די אומאָרדענונגען ביים סטאַראָסטע ביים אַרויסגעבן פּעסער א. אַז. וו.

דער שטאָטראַט האָט אויך אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף צו דער באַפעלקערונג וועגן די געשעענישן אויף די ווילנער גאַסן דעם 2 יולי 1922 א. ד. גל. ביי היינטיקן טאָג ווערט געפירט אין שטאָטראַט אַן ענערגישער קאַמף פאַר דער יידישער שול.

ניט קוקנדיק אויף דער אומבאַשטימטער לאַגע פון קאַנט, ניט קוקנדיק אויף דער אַנטיסעמיטישער באַציאונג פון אַ גרויסן טייל פון דער פּוילישער געזעלשאַפט און די רעגירונגס=ספערן, וועלכע האָט זיך, פאַרשטייט זיך, געוויס ניט פאַרבעסערט אויך נאָכדעם, ווי קיין ווילנע זיינען געקומען די אויספאָרשונגס=קאָמיסיעס — פריער פון מאָרגנטוי פון אַמעריקע און דערנאָך פון סעמיועל פון ענגלאַנד, — האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין ווילנע ביסלעכווייז פאַרבעסערט, און דאָס געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע לעבן — זיך היבש אַנטוויקלט. די פאַרבינדונג — הגם אַ פאַרשוו רטע און באַגרעניצטע — מיט וואַרשע און גאַנץ פּוילן, און דורכדעם אויך מיט מזרח=אייראָפּע און אַמעריקע, האָט אַריינגעטראָגן אַן אויפלעבונג אין קאַנט. די ווילנער יידישע קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט די וואַרשעווער; די קאָלאָסאַלע הילף אין געלט און אין פּראָדוקטן, וואָס אַמעריקע בכלל און די אַמעריקאַנער יידן בפרט, הן פּריוואַט (קרובים), הן געזעלשאַפטלעך (דורך לאַנדסמאַנשאַפטן און דערהויפּט J. D. C. — „דשאָינט") האָבן געשיקט פּוילן, האָבן אַריינגעבראַכט אין לאַנד צענדליקער טויזנטער דאָלאַרן און אַוועקגעשטעלט אויף די פיס ניט איין פּריוואַטע בעל=הבתישקייט, ניט איין געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע.

אין יולי 1920 האָט די לאַגע פון די פּאָליאַקן אין ווילנע זיך אָנגעהויבן צו וואַקלען. דער אַוואַנטוריסטישער מאַרש פון דער פּוילישער אַרמיי אויף אוקראַינע ביז סאַמע קיעוו, די חלומות וועגן פאַרשפּרייטן די פּוילישע מלוכה ביז די גרעניצן פון יאָר 1772 האָבן זיך געענדיקט מיט אַ שרעקלעכער מפּלה, און די רויטע אַרמיי האָט זיך אָנגעהויבן צו רוקן אויף מערב. אין דער זעלבער צייט זיינען די ליטווישע אויסזיכטן אויף ווילנע געוואָרן אַלץ שטאַרקער. דעם 12 יולי 1920 איז אונטערגעשריבן געוואָרן אין מאָסקווע דער רוסיש=ליטווישער אָפּמאַך, לויט וועלכן ווילנע און דער ווילנער קאַנט ביז גראָדנע, גייען איבער צו ליטע.

די שטימונג אין שטאָט איז געוואָרן אַ נערוועזע, די מלוכישע אַנשטאַלטן האָבן זיך אָנגעהויבן צו עוואַקואירן, אַלע צייכנס פון דער פּוילישער באַפעלקערונג זיינען געוואָרן גערופן צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד, ס'האָבן זיך געבילדעט פרייוויליקע אָפּטיילונגען, דער עיקר פון פרויען, וועלכע האָבן זיך געשטעלט אין רשות פון דער פּוילישער אַרמיי. אין שטאָט איז געוואָרן אַ מלחמה=שטימונג, אַלע כאַנסבילן ביז 50 יאָר האָט מען גענומען אויף אַרבעט, דאָס רוב ניט נייטיקע. פּאַטרולן מיט ביקסן פלעגן אכזריותדיק כאַפּן די יידן אין די גאַסן און שלעפּן זיי פון די וואוינונגען אויף עפּעס מאָדנע אַרבעטן, און דערביי שלאָגן און זיך איזדיעקעווען איבער זיי. סאָלדאַטן פלעגן לויפן פון די קאַזאַרמעס און אין די הייזער שרעקן די יידן און פאָדערן געלט פאַרן אויסקויפן זיך.

דאָס לעבן אין שטאָט האָט זיך אָפּגעשטעלט, די מהומה איז געוואָרן גרויס, דער גרעסטער טייל פון דער פּוילישער אינטעליגענץ און בורזשואַזיע איז געלאָפן צוזאַמען מיט די באַאַמטע קיין וואַרשע, און דער פּוילישער המון מיט אויסוואורפן סאָלדאַטן האָבן זיך געקליבן צו מאַכן אַ פּאָגראָם אויף יידן.

כדי די שטאָט זאָל ניט בלייבן אויף הפקר ביים אַריינקומען פון די באָלשעוויקעס, האָט דער ליטווישער קאָמיטעט, אַלס באַפולמעכטיקטער פון דער ליטווישער רעגירונג, געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט דער פּוילישער אָנפירונג, אַז מען זאָל איר לכל־הפחות איצט איבערגעבן די מאַכט אין שטאָט. אויף מיטוואָך דעם

14=טן יולי 4 בייטאָג איז שוין באַשטימט געוואָרן אַ זיצונג אין ליטווישן קאָמיטעט צוזאַמען מיט אייניקע יידישע פאָרשטייער, כּדי צו באַטראַכטן די געפערלעכע לאַגע; אָבער ס׳איז שוין געווען שפּעט. 2 בייטאָג האָט די רויטע אַרמיי אָנגעהויבן צו באַשיסן די שטאָט פון שלאָסבאַרג, אַן אָפּטיילונג רייטער האָבן שוין פאַרנומען פּאָהולאַנקע, און נאָך אַ שטאַרקן האַרמאַטן=געשלעג, איז די שטאָט דעם זעלבן טאָג פאַרנומען געוואָרן פון די באָלשעוויקעס.

און אין די צייטונגען פון 14=טן יולי איז געווען געדרוקט אַ מודעה פון קאָמאַנדירנדיקן פּוילישן גענעראַל באָרושטשאַק, אַז מ׳וועט ווילנע דעם שונא ניט אָפּגעבן!...

---

## IX.

ס׳האָט זיך איבערגעחזרט אין שטאָט די זעלבע מעשה, וואָס ביי דער ערשטער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע — אַרעסטן, רעקוויזיציעס, „נאַציאָנאַליזירונג" פון פאַבריקן, רעפּרעסיעס קעגן דער פּרעסע, אפילו טעראָר מיט טויטשטראָף האָט ניט געפעלט. אָבער די פּאָליטישע לאַגע איז געווען אַ מאָדנע און גאָר אַן אַנדערע ווי אָנהייב 1919. ווי שוין דערמאָנט, האָט די מאָסקווער רעגירונג אָנערקענט די סובערענע רעכט פון ליטע אויף ווילנע. ביים אַריינגיין אין ווילנע האָט דער רוסישער קאָמאַנדיר גאַי פייערלעך אויפן געאָרג=פּראָספּעקט, אין דער אָנוועזנהייט פון דעם רוסישן און ליטווישן מיליטער, געזאָגט, אַז ער גיט איבער די שיינע שטאָט מיט די בערג און טורעמס אין רשות פון די ליטווינער; דאָס ליטווישע פאָלק אַליין וועט שוין וויסן, וואָס פאַר אַן אָרדענונג ביי זיך איינצופירן, — אַ רמז, אַז ליטע זאָל ווערן אַ סאָוועטישע רעפּובליק.

אויף אַזאַ אופן האָט די גאַנצע אַדמיניסטראַטיווע און ציווילע מאַכט געזאָלט איבערגיין צו די ליטווינער. און ס׳איז טאַקע פון דער ליטווישער רעגירונג באַשטימט געוואָרן אַ קאָמענדאַנט (קרוקאָווסקי), וועלכער האָט זיך באַזעצט אין בנין פון דער מלוכה=באַנק.

דער קאָמענדאַנט האָט איינגעלאַדן צו זיך חוץ ליטווינער פאָרשטייער פון דער יידישער, פּוילישער און ווייסרוסישער באַפעלקערונג, כּדי אויסקלייבן פון זיך אַ צייטווייליקן מאַגיסטראַט, אין וועלכן ס׳זאָלן אַריין פאָרשטייער פון יעדער נאַציאָנאַליטעט, אויף גלייכע יסודות. אָבער בעת אויף מאָרגן האָט דער נייער מאַגיסטראַט געוואָלט צוטרעטן צו זיין אַרבעט, האָט די באָלשעוויסטישע מאַכט דאָס פאַרווערט. זיי האָבן תּיכף אַליין באַשטימט אַ „רעווקאָם", מיט אַ גאַנצער ריי אַדמיניסטראַטיווע אינסטיטוציעס. אויף די טענות פון די ליטווינער, אַז די האַנדלונג פון רעווקאָם איז ניט געזעצלעך און איז אַ סתירה צו דעם אינטערנאַציאָנאַלן רעכט, האָט דער רעווקאָם (אַ גרויסע ראָלע האָט דאָ געשפּילט משה ראַפּעס) געענטפערט: אמת, מיר דענקען דאָ ניט צו בלייבן, מיר באַנוצן בלויז ווילנע ווי אַ מיליטערישע באַזע, כּדי צו גיין ווייטער אויף פּוילן, אָבער כּל=זמן מיר זיינען דאָ, קענען מיר ניט געטרויען איבערגעבן די ציווילע מאַכט אין פרעמדע הענט. מיר פירן מלחמה, מוז די גאַנצע מאַכט זיין ביי אונז.

די הויפּט=כוונה פון דער באָלשעוויסטישער רעגירונג איז משמעות געווען אַ צווייאיקע: ראשית אַרויסצופירן קיין רוסלאַנד פון שטאָט און קאַנט אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך, און צווייטנס אויסצונוצן די מאַכט אויף פּראָפּאַגאַנדע און „אויפקלערונג" צווישן דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

ביידע צילן זיינען געווען באמת דורכגעפירט דורך כּלערליי מיטלען.





די רעקוויזיציעס זיינען געגאַנגען זייער האַסטיק, דערביי פלעגן פאָרקומען גרויסע מיסברויכן מצד די קאָמוניסטישע אָנגעשטעלטע, ביי וועלכע מען פלעגט זיך קענען פאַר געלט אָפּקויפן. ס׳האָט זיך אַפילו געבילדעט אַ מין דיפּלאָמאַטישע געמישטע קאָמיסיע פון פאָרשטייער פון דער ליטווישער רעגירונג (יאָנינאַס) און רעווקאָם (מ. ראַפּעס), וועלכע האָט געזאָלט באַשטימען, וואָס — לויט די אינטערנאַציאָנאַלע תּקנות — מעגן די באָלשעוויקעס יאָ רעקווירירן, און וואָס ניט. די דאָזיקע קאָמיסיע האָט געזאָלט ערליידיקן אויך אַנדערע סיכסוכים, אָבער די ליטווינער האָבן ווייניק וואָס געקאָנט אויספירן; דער רעווקאָם, האָבנדיק די פאַקטישע מאַכט, האָט געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט. די טורמע איז געוואָרן פול. צענדליקער „בורזשויעס", יידן און פּאָליאַקן, זיינען געווען אַרעסטירט און געפירט אויף צוואַנגס=אַרבעט. צוויי יידן (שאַפּיראָ און שטיינבערג) זיינען דערשאָסן געוואָרן פאַר „ספּעקולאַציע" און „שפּיאָנאַזש", און די „באַזונדערע אָפּטיילונג" (אַ מין טשעקאַ) האָט געהאַט אַ סך וואָס צו טאָן.

נאָך ענערגישער איז געווען געפירט די פּראָפּאַגאַנדע=אַרבעט. באָלשעוויסטישע צייטונגען אין אַלע שפּראַכן האָבן געזאָלט אויפקלערן דעם עולם וועגן דער נייטיקייט פון אַ באָלשעוויסטישער איבערקערעניש, וועגן איינפירן אומעטום די ראַטנמאַכט, פלעגן מוסרן די ווילנער אַרבעטערשאַפט אין „אָפּגעשטאַנענקייט" און פלעגן פּאָלעמיזירן מיט די „ווייס=גוואַרדייאישע" צייטונגען פון דער ליטווישער „קליינבירגערלעכער רעגירונג". די אויסטערלישקייט פון דער לאַגע איז טאַקע באַשטאַנען אין דעם, וואָס אין דער זעלבער צייט זיינען אין ווילנע אַרויסגעגאַנגען קאָמוניסטישע און אַנטיקאָמוניסטישע צייטונגען, וועלכע פלעגן איינע מיט די אַנדערע פּאָלעמיזירן אויפן שאַרפסטן אופן.

אָבער די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט געהאַט גרעסערע מעגלעכקייטן אין איר פּראָפּאַגאַנדע ווי די איבעריקע, זי פלעגט צומאַכן די בורזשואַזע און סאָציאַליסטישע צייטונגען און אָפּט אָרגאַניזירן גרויסע מיטינגען, פאָרלעזונגען און דעמאָנסטראַציעס קעגן דער ליטווישער רעגירונג. בעת דער פאַלשער ידיעה, למשל, אַז די באָלשעוויקעס האָבן גענומען וואַרשע, איז פאָרגעקומען אַ גראַנדיעזע דעמאָנסטראַציע אויף די גאַסן, מיט אויסרופן קעגן דער ליטווישער רעגירונג א. ד. גל.

מאָסקווע אָבער, ווייזט אויס, איז ניט געווען אינגאַנצן צופרידן מיט דער פּאָליטיק פון אירע ווילנער שליחים, און נאָך פריער ווי מען האָט דאָס ערוואַרט, סוף אַווגוסט 1920, זיינען די רוסישע באָלשעוויקעס האַסטיק אָפּגעטראָטן פון ווילנע. אַ טייל אַרעסטירטע האָבן זיי ביים אַוועקגיין אַרויסגעלאָזן, אַ טייל האָט די ליטווישע מאַכט באַפרייט אויפן וועג צום באַן, אַ טייל פּאָליאַקן (גראַף אַנטאָני טישקעוויטש, בישאָף מיכאַלקעוויטש, פאַר וועלכן די יידן האָבן זיך משתדל געווען, א. אַ.) האָבן זיי באַוויזן אָפּצושיקן קיין רוסלאַנד. אַ טייל צוגענומענע מכשירים איז געלונגען צו פאַרהאַלטן אין נאָוואָווילייסק און צוריק אָפּשיקן קיין ווילנע.

דעם 28 אַווגוסט איז ווילנע אויך פאַקטיש אַריבער צו די ליטווינער.

---

## X.

דאָס אַריינקומען פון דער ליטווישער מאַכט איז בלי=ספק פון דעם גרעסטן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אויפגענומען געוואָרן מיט צופרידנקייט. שוין פריער, אין יולי מאָנאַט, בעת אין ווילנע האָבן זיך נאָך געפונען די באָלשעוויקעס, האָבן די פאָרשטייער פון די יידישע פּאַרטייען, די דעמאָקראַטישע בתוכם,

(חוץ די סאָציאַליסטישע) אָפיציעל באַגריסט די ליטווישע רעגירונג און אָנערקענט די פרייע, זעלבשטענדיקע אומאָפּהענגיקע ליטע. שוין דעמאָלט אָבער האָט די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פּראָקלאַמירט, אַז זי פאַרשטייט גרויסליטע ניט ווי אַ נאַציאָנאַלע מלוכה פון די ליטווינער, נייערט ווי אַ נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה, אין וועלכער אַלע 4 נאַציאָנאַליטעטן זאָלן זיין גלייכבאַרעכטיקט. אויף אַזאַ אופן טיילט זיך די באַפעלקערונג פון גרויסליטע אויף ליטוויאישע ליטווינער, ליטוויאישע פּאָליאַקן, ליטוויאישע יידן און ליטוויאישע ווייסרוסן. אָט דער דאָזיקער פּרינציפּ איז אויך אין די שפּעטערדיקע תּקופות דורכגעפירט געוואָרן אין אַ ריי אַרטיקלען און אַרויסטרעטונגען פון די יידישע פאָרשטייער.

מיטן אַריינקומען פון די ליטווינער האָט זיך אָנגעהויבן אַ רואיק לעבן פאַר די יידן אין ווילנע. הגם ס׳איז די ערשטע צייט אויך געווען אַ מיליטערישע אָנפירונג, ווי ביי יעדער אָקופּאַציע, נאָר קיין מורא פאַר דעם מיליטער איז ניט געווען.

ס׳איז גלייך געשאַפן געוואָרן אַ צייטווייליקער מאַגיסטראַט פון פאָרשטייער פון אַלע 4 נאַציאָנאַליטעטן מיטן אַדוואָקאַט קימאָנט (ליטווינער) אַלס שטאָט־פּרעזידענט בראש. עצה־געבער ביים ליטווישן קאָמענדאַנט איז געוואָרן דער באַקאַנטער אַדוואָקאַט טאַדעאוש ווּרובלעווסקי, וועלכער זייענדיק אַ יחסן אַ פּאָליאַק, איז דאָך געבליבן אַן אָנהענגער פון אַ זעלבשטענדיקער גרויסליטע.

ביסלעכווייז האָבן זיך אָנגעהויבן צו בילדן פאַרוואַלטונגס־אָפּטיילונגען פאַר אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. ס׳איז געקומען אַ פאָרשטייער פון בילדונגס־מיניסטעריום; אַלע יידישע שולן האָבן געזאָלט אויסגעהאַלטן ווערן פון דער מלוכה, און די לערער איז שוין באַשטימט געוואָרן שכירות.

אויף די באַראַטונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען פון די פאָרשטייער פון די יידישע גרופּירונגען צוזאַמען מיטן נשיא פון קאָוונער נאַציאָנאַלראַט ש. ראָזענבוים און מיניסטער פאַר יידישע ענינים ד״ר סאָלאָווייטשיק, איז באַשלאָסן געוואָרן אין גיכן צוצוטרעטן צו נייע דעמאָקראַטישע וואַלן אין דער קהילה, לויטן מוסטער און אינסטרוקציעס פון דער ליטווישער רעפּובליק. דערווייל איז געבילדעט געוואָרן אַ צייטווייליקער פּאָליטישער קאָמיטעט, אין וועלכן ס׳זיינען אַריין צו צוויי פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען, חוץ די סאָציאַליסטישע (וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען אַן אָנטייל). חוץ דעם איז צייטווייליק הרב רובינשטיין אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פאַרטרעטער פון יידישן מיניסטער אין דער מיניסטעריעלער קאָלעגיע, וועלכע איז געבילדעט געוואָרן פאַר ווילנע, ביז די אַלע מיניסטעריומס וועלן ווערן אין גאַנצן איבערגעפירט אין דער אַלטער הויפּטשטאָט פון ליטע. פאַר די יידישע שול־ענינים איז ביי דעם בילדונגס־דעפּאַרטמענט אַריין ג. פלודערמאַכער.

מ׳האָט מיט האָפענונג געוואַרט, אַז באַלד וועט אין ווילנע דורכגעפירט ווערן די פולע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, און די יידישע מיניסטאָרן, הגם זייענדיק ציוניסטן, האָבן זייער וואַרים רעקאָמענדירט דער יידישער באַפעלקערונג אומעטום צו אונטערשטרייכן, אַז די נאַציאָנאַלע שפּראַך (אין די שולן, אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, אין די קאַנצעלאַריעס, אין די געשעפטן, אויף די שילדן, אויף דער גאַס) דאַרף זיין יידיש.

אין עקאָנאָמישן לעבן האָט זיך אָנגעהויבן אַ היבשע אויפלעבונג. ס׳האָט זיך געעפנט די קאָמוניקאַציע מיט קאָוונע און אין אַ געוויסער מאָס אויך מיט דייטשלאַנד; פאַרן האַנדל און אינדוסטריע האָבן זיך געעפנט ווייטע פּערספּעקטיוון.

די אַרבעטסלאָזיקייט איז אָבער געווען גרויס און צווישן די אַרבעטער האָט געהערשט אַן אומצופרידנקייט. חוצדעם האָט זיך דער ליטווישער קאָמענדאַנט פון אָנהייב אָן זיך אַוועקגעשטעלט פיינדלעך צו די לינקע עלעמענטן. אַן אומשולדיקע פאַר־



זאַמלונג אין יידישן אַרבעטערקלוב איז געוואָרן פאַרמאַכט, און די אָנטיילנעמער זיינען געוואָרן אַרעסטירט און באַפרייט געוואָרן ערשט אין דריי וואָכן אַרום נאָך ענערגישער פאָדערונג פון די יידישע פאָרשטייער.

אויך די שפּראַכפראַגע איז פון דער ליטווישער רעגירונג שוין לכתחילה פאַרשאַרפט געוואָרן, גאָרניט לויט די פאַרהעלטענישן, וואָס מען האָט געקענט ערוואַרטן אין אַ נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה. ס׳האָבן זיך באַוויזן מודעות (אמת פאַר מיליטער) בלויז אין דער ליטווישער שפּראַך, וועלכע איז געווען פאַרשטענדלעך בלויז פאַר 3—5 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג; אין קרייזגעריכט, וועלכער האָט זיך שוין געוועסט אָנגעהויבן איבערצוקלייבן קיין ווילנע, האָט מען געזאָלט פירן די פּראָצעסן אויף ליטוויש, וואָס וואָלט געמאַכט אוממעגלעך פאַר יידישע אַדוואָקאַטן אַרויסצוטרעטן אַלס פאַרטיידיקער. הכלל, ס׳האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן אַ שאָוויניסטישע ריכטונג פון דער יונגער ליטווישער מלוכה.

ס׳האָט אָבער נאָך ניט באַוויזן זיך אינגאַנצן אויסצוקריסטאַליזירן דער פּנים פון גרויסליטע מיט ווילנע, אַלס הויפּטשטאָט, ס׳האָט נאָך ניט באַוויזן זיך אויסצודריקן די השפּעה פון דער יידישער ווילנע אויף דער גאַנצער פירונג אין ווילנער קאַנט, ווי ס׳זיינען אָנגעקומען אומרואיקע טעג: אַפריער האָט מען איראָניש אָנגעהויבן צו ריידן וועגן עפּעס אַ „ווייסרוסיש־ליטווישער דיוויזיע", וועלכע גייט אויף ווילנע, אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום, דעם 8 אָקטאָבער 1920, האָבן די ליטווינער מיט אַלע רעגירונגס־אַנשטאַלטן האַסטיק גענומען פאַרלאָזן ווילנע. מיט אַ מאָל, פרייטאָג פרי איז געוואָרן אַ מהומה און אַ געלאַף אין שטאָט. אויף דער באַן איז געווען אַ שרעקלעכער געדראַנג, צוגן און וואַגאָנעס איז געווען ווייניק, און טויזנטער יידן, וועלכע האָבן ניט געקענט אָפּפאָרן מיט דער באַן, זיינען אַוועק צו פוס קיין קאָוונע.

שבת, דעם 9 אָקטאָבער האָבן ווידער די פּאָליאַקן פאַרנומען ווילנע. ווי ס׳האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, איז דאָס געווען גענעראַל זשעליגאָווסקיס אַרמיי, וועלכע די יידן האָבן באַגעגנט מיט שרעק און מורא. די ערשטע צוויי טעג זיינען טאַקע פאָרגעקומען רויבערייען, און 8 יידן זיינען דערהרגעט געוואָרן, פון זיי 2 פרויען געשענדעט.

---

## .XI

נאָכן פאַרנעמען ווילנע דורך די פּאָליאַקן האָט זיך תיכף געבילדעט אַ געמישטע „צייטווייליקע רעגירנדיקע קאָמיסיע" בראש מיטן באַקאַנטן דעמאָקראַט וויטאָלד אַבראַמאָוויטש אַלס פאָרזיצער. אין דער קאָמיסיע זיינען אַריין אייניקע לינקע ענדעקעס (ווי אַדוואָקאַט ענגעל, דער ווייסרוס איוואַנאָווסקי) און אויך דער סאָציאַליסט זאַשטאָווט. די העכסטע מאַכט האָט געהערט דעם גענעראַל זשעליגאָווסקי.

די קאָמיסיע האָט געמאָלדן דער באַפעלקערונג, אַז זשעליגאָווסקיס חייל, וואָס באַשטייט פון אָרטיקע מענטשן, — האָט זיך אָפּגעריסן פון דעם פּוילישן מיליטער און פאַרנומען ווילנער קאַנט, כדי צו פאַרטרייבן די ליטווישע אָקופּאַנטן און געבן דער אָרטיקער באַפעלקערונג די מעגלעכקייט אַליין צו באַשטימען, צו וועלכער מלוכה (צו פּוילן, צי צו ליטע) זי וויל געהערן. דערווייל איז געשאַפן געוואָרן אַ מין נייע זעלבשטענדיקע מלוכה, מיטללי טע, וועלכע געהערט ניט, ניט צו פּוילן, ניט צו ליטע (קאָוונער ליטע). די נייע רעגירונג האָט געהאַט אייגן מיליטער, אייגענע באַנען, איינגעפירט באַזונדערע פּאָסט־מאַרקן, שטייערן, געזעצן און פאַראָרדענונגען, געהאַט בדעה צו מאַכן אַ נייע

רעקרוטאַציע פון אָרטיקע בירגער אין מיליטער און אַלס הערב גענומען אי דעם פּוילישן אָדלער, אי דעם ליטווישן רייטער. אַלע רעגירונגס־אַנשטאַלטן האָבן אַרויסגעהאַנגען אַ פלאַג מיט דעם דאָזיקן קאָמבינירטן הערב. אויף אייניקע פּאָסטמאַרקן איז געווען געצייכנט אָדער דער מיטלליטווישער הערב, אָדער זשעליגאָווסקיס בילד. די אָפיציעלע שפּראַך און די געלטצייכנס זיינען געווען פּוילישע.

די מיטלליטווישע רעגירונג האָט צוגעזאָגט זיך צו באַציען פריינדלעך צו אַלע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס באַוואוינען דעם קאַנט, האָט פאָרגעלייגט די יידן צו פאַרנעמען איינעם אָדער צוויי ערטער אַלס געהילפס־קאָמיסאַרן (אויף וואָס די יידן זיינען אָפיציעל ניט איינגעגאַנגען, ניט וועלנדיק נעמען אויף זיך די אחריות פאַר דער טעטיקייט פון דער „רעוואָלוציאָנערער" רעגירונג) און זיך גענומען איינצואָרדענען און ווידער אויפבויען דעם רואינירטן לעבן אין קאַנט.

פון קאָוונער ליטע איז מיטלליטע געווען אָפּגעשניטן מיט אַ שאַרפער מיליטערישער גרעניץ, מיט רוסלאַנד איז זי אפילו גאָר אין שכנות ניט געווען, זייענדיק אָפּגעגרעניצט דורכן פּוילישן קאָרידאָר, און מיט פּוילן איז די גרעניץ געווען אין לידע. הגם, גלייך נאָכן פאַרנעמען פון ווילנע דורך זשעליגאָווסקיס אַרמיי, זיינען אַלע אַנטלאָפענע פּאָליאַקן ווידער אָנגעקומען קיין ווילנע און מיט זיי אויך אַ סך ניט קיין היגע פּוילישע באַאַמטע, איז דאָך לכתחילה די קאָמוניקאַציע מיט וואַרשע געווען זייער פאַרשווערט. צוליב דוחק אין וואַגאָנעס פלעגט מען פון ווילנע ביז לידע פאָרן אין משא־וואַגאָנעס, און אויף צו פאָרן פון לידע ביז וואַרשע האָט מען געמוזט האָבן אַ ספּעציעלע ערלויבעניש פון דער וואַרשעווער דעלעגאַטור. איבער גראָדנע פון ווילנע קיין וואַרשע איז דער וועג נאָך עד־היום פאַרמאַכט צוליב דעם, וואָס דער בריק איבערן ניעמאַן ביי גראָדנע איז רואינירט און די ליטווינער האָבן פונאַנדערגענומען אַ טייל רעלסן ביי אָראַן. דערהויפּט פלעגט אַזאַ נסיעה זיין שווער פאַר יידן, מחמת די וואַגאָנעס פלעגן נאָך זיין פול מיט מיליטער, און די סאָלדאַטן מיט די זשאַנדאַרמען פלעגן זיך, ווי אין די פריערדיקע גוטע צייטן פון דער פּוילישער אָקופּאַציע, איזדיעקעווען איבער די יידן, שלאָגן, אַרויסוואַרפן פון די וואַגאָנעס, שניידן בערד, אָפּנעמען דאָס געלט א. ד. גל. ביסלעכוויז אָבער האָט זיך די לאַגע געבעסערט.

פּוילן האָט אָנגעהויבן כלומרשט גוטפריינד צו ווערן מיט דעם גענעראַל, „דעם אינסורגענט", האָט געשיקט קיין ווילנע אַ „דעלעגאַט", וועלכער איז געווען אַ פאָרשטייער פון דער פּוילישער רעפּובליק, האָט אָנגעהויבן צו שטיצן מיטלליטע מיט געלט (אַלס אַ „הלוואה") און מיליטער, האָט געהאָלפן איינצואָרדענען דעם באַנפאַרקער. ס'האָבן זיך באַוויזן דירעקטע שניילצוגן מיט שלאָפוואַגאָנעס, — און די פאַרבינדונג מיט וואַרשע איז געוואָרן גאַנץ גוט איינגעאָרדנט. אגב איז אויך פּוילן פון טאָג געוואָרן שטאַרקער. די געפאַר פון באָלשעוויסטישן אָנפאַל איז געוואָרן אַלץ קלענער; פּוילן האָט אָנגעהויבן צו באַקומען פון דייטשלאַנד, לויטן אָפּמאַך, אַ גרויסע צאָל וואַגאָנעס מיט לאָקאָמאָטיוון, און ס'האָט זיך דערנעענטערט די לייזונג לטובת פּוילן פון דער שווערער און וויכטיקער פראַגע וועגן אייבערשלעזיע.

אין מיטלליטע איז די השפּעה פון דער ציטווייליקער רעגירנדקער קאָמיסיע געוואָרן אַלץ שוואַכער, און פון דער פּוילישער רעגירונג — אַלץ שטאַרקער. די ענדעקעס האָבן שטאַרק אַגיטירט קעגן דער צייטווייליקער קאָמיסיע, דער עיקר קעגן אירע דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע פאָרשטייער, די קאָמיסאַרן האָבן זיך אָפּט געביטן פון רעכטס אויף לינקס און פון לינקס אויף רעכטס, און זיך סוף־כל־סוף פאַרוואַנדלט אין באַאַמטע פון דעפּאַרטאַמענטן, וועלכע פלעגן זיך אויך אַלע ווייַלע ביַיטן.



די פּאָלאָניזאַציע פון קאַנט איז געגאַנגען מיט גרויס גרפּאָלג, אויף דעם האָבן געווירקט אַזעלכע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, ווי די אַנטיסעמיטישע געזעלשאַפטן „ראָזוואָי" (געזעלשאַפט צו אַנטוויקלען דעם עקאָנאָמישן מצב פון דער פּוילישער באַפעלקערונג), „סטראַזש קרעסאָוואַ" (דער היטער פון די ראַנד־געביטן) א. אַ., ווי אויך די ריין קולטורעלע אינסטיטוציעס, ווי דער ווילנער אוניווערסיטעט אויפן נאָמען פון סטעפאַן באַטאָרי, די גימנאַזיעס אויפן נאָמען פון קעניג זיגמונט־אַווגוסט, לעלעוועל און אַ גאַנצע ריי פּוילישע מיטלשולן, פאָלקסשולן, פאָרלעזונגען א. ד. גל.

דאָס יידישע לעבן אין קאַנט איז ביסלעכוויז אַוועק אויף נאָרמאַלע רעלסן. דער האַנדל האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרבעסערן, ס'האָבן זיך אָנגעהויבן צו עפענען און פאַרברייטערן פאַבריקן און אַנדערע אונטערנעמונגען. די אַרבעטסלאָזיקייט איז געווען ווייניקער און די אַרבעטער, בעלי־מלאכות און אָנגעשטעלטע, וואָס האָבן געהאַט באַשעפטיקונג, האָבן ניט שלעכט פאַרדינט, ניט קוקנדיק אויפן יקרות און דער פאַלנדיקער וואַלוטע. אין ערגעץ אין פּוילן האָבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען ניט געהאַט, דאַכט זיך, אַזאַ כוח און ווירקונג ווי אין ווילנע.

צווישן די לופט־מענטשן און ספּעקולאַנטן האָט דער עיקר באַשעפטיקונג פאַרנומען דער אומגעזונטער האַנדל מיט וואַלוטע — מיט דייטשע און אָסט־מאַרקן, פראַנקן, דאָלאַרן א. ד. גל. אין די קליינע שטעטלעך, דער עיקר אין די, וועלכע געפינען זיך נאָענט צו די גרעניצן, איז דער הויפּט־פאַרדינסט געווען — שמוכל, קאָנטראַבאַנדע מיט רוסלאַנד און ליטע. דערין פלעגן זיי העלפן דאָס רוב באַאַמטע פון ביידע זייטן גרעניץ.

די געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אַרבעט צווישן די יידן איז געגאַנגען מער־ווייניקער אומגעשטערט. די שולן האָבן זיך אַנטוויקלט און זיך פאַרשפּרייט אַלץ ווייטער, ס'האָבן זיך געעפנט אַ יידישער און העברעאישער לערער־סעמינאַר; ס'זיינען פאָרגעקומען שול־צוזאַמענפאָרן פון גאַנץ פּוילן, די פּעדאַגאָגישע ליטעראַטור האָט זיך פאַרגרעסערט א. ד. גל. אין דאָס אַלץ איז געשען, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אין מאַטעריעלע מיטלען האָט זיך געפילט אַ שרעקלעכער דוחק: די הילף פון אַמעריקע איז געוואָרן אַלץ קלענער, און פון דער מיטלליטווישער רעגירונג פלעגן די שולן באַקומען אַ נישטיקע אונטערשטיצונג; די פּוילישע שולן פאַרקערט פלעגן ווערן אינגאַנצן אויסגעהאַלטן פון דער פּוילישער רעגירונג.

די יידישע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס האָבן פאַר דער דאָזיקער צייט איבערגעלעבט אַ שטאַרקן קריזיס און אַ גאַנצע איבערקערעניש. די אַמעריקאַנער הילף פון ד. ד. ק. האָט שאַרף אומגעביטן דעם כאַראַקטער פון דער שטיצע. מען האָט ביסלעכוויז אויפגעהערט צו געבן געלט אויף געוויינלעכע תמיכה און מ'האָט די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אָנגעווענדט אויף אויפבויונגס־אַרבעט. מיט דעם איז אויפן געביט פון געזעלשאַפטלעכער מעדיצין געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט אָנצוהייבן אַ גרויסע סאַניטאַר־היגיענישע אַקציע: מען האָט אין אַ ריי שטעט און שטעטלעך אויף דער פּראָווינץ אָנגעהויבן צו בויען בעדער, עפענען דאָקטוירים־פונקטן און שיקן באַפולמעכטיקטע, וואָס זאָלן פירן אַן אויפקלערונגס־אַרבעט און שאַפן אַ ריי מעדיציניש־סאַניטאַרע אָרגאַניזאַציעס אין אַלע קליינע פונקטן. ס'איז פאַרשטאַרקט געוואָרן דער קאַמף קעגן פאַוואוס (פאַרך) ביי די קינדער דורך היילן די דאָזיקע קראַנקהייט מיט רענטגענשטראַלן. צו דעם צוועק איז אויך אויף די מיטלען פון ד. ד. ק. געעפנט געוואָרן אין ווילנע אַ צוויי־יאָריקע שוועסטער־שול, מיט יידיש אַלס אונטערריכטס־שפּראַך, וועלכע דאַרף צורויסלאָזן גוט אויסגעבילדעטע שוועסטער, וועלכע וועלן ניט בלויז וויסן, ווי צו גיין אַרום קראַנקע, נאָר אויך פאַרשטיין ווי צו פירן אַן אויפקלערונגס־אַרבעט

אינם זין פון סאַניטאַרער היגיענע. מיט דער דאָזיקער גאַנצער אַרבעט פאַרנעמט זיך די געזעלשאַפט „אָזע" און אַ מעדיצינישע צענטראַלע, וועלכע איז געקליבן פון פאָרשטייער פון דער קהילה, יעקאָפּאָ, אָזע און משמרת־חולים.

דערזעלביקער נייער פרינציפּ פון אָנווענדן די אַמעריקאַנער געלטער אויף אויפבויאונגס־אַרבעט האָט געגעבן די מעגלעכקייט דער געזעלשאַפט „יעקאָפּאָ" צו עפענען אין ווילנע אַן אַווטאָנאָמע „קאָאָפּעראַטיווע פאָלקסבאַנק", וועלכע שפּילט שוין אַ באַדייטנדע ראָלע אין יידישן עקאָנאָמישן לעבן פון דער גאַנצער פּראָווינץ. אַחוצדעם, אַדאַנק דער גרויסער אַמעריקאַנער הילף, איז געפירט געוואָרן פון „יעקאָפּאָ" אַ גרויסע אַקציע צו העלפן די היימלאָזע און צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד זיך אָפּצובויען און זיך איינצואָרדענען אין זייער פריערדיקער היים. אין סמאָרגאָן, ווידז און צענדליקער אַנדערע ערטער ווערן אויפסניי אויפגעבויט און רעמאָנטירט הונדערטער הייזער; דאָ, וואו ס'זיינען ניט לאַנג געווען „אָקאָפּעס" און חורבות, הייבט זיך אָן אַ נייע לעבן; ס'לעבן אָפּ די פריערדיקע יידישע ישובים. אין דער דאָזיקער וויכטיקער פאָלקס־אַרבעט איז געקומען צו הילף אויך די „יקא" און דער לאָנדאָנער אוקראַינישער קאָמיטעט.

אויך די אַרבעט פון דער געזעלשאַפט „אָרט" האָט זיך פאַר דער צייט פאַרברייטערט, אַדאַנק דעם, וואָס די קאָמוניקאַציע האָט זיך פאַרלייכטערט, און די באַציאונגען מיט דער פּראָווינץ זיינען געוואָרן ווייניקער פאַרשווערט. צענדליקער קאָלאָניסטן האָבן באַקומען אַגראָנאָמישע מכשירים, זריעה און פערד. אין ווילנע און אין אייניקע שטעטלעך זיינען געעפנט שול־וואַרשטאַטן, און ווילנע האָט באַקומען אַ 3 יאָריקן יידישן טעכניקום מיט אַן עלעקטרישער און מעכאַנישער אָפּטיילונג.

---

## XII.

איינע פון די וויכטיקסטע שטריכן פון דער דאָזיקער צייט איז, וואָס די מיטלליטווישע רעגירונג האָט זיך באַצויגן צו דער יידישער באַפעלקערונג ווי צו אַ גרייס, מיט וועלכער מען מוז זיך רעכענען.

שוין אין די ערשטע טעג נאָכן אַריינמאַרש פון גענעראַל זשעליגאָווסקיס מיליטער קיין ווילנע איז געבילדעט געוואָרן אַן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, אין וועלכער ס'זיינען אַריין פון די יידן ראַבינער רובינשטיין און אַדוואָקאַט גאָרדאָן. די קאָמיסיע האָט געזאָלט אויספאָרשן אַלע פאַרברעכנס און „עקסצעסן", וועלכע זיינען פאָרגעקומען פאַר דער ערשטער צייט בנוגע יידן, און די שולדיקע איבערגעבן צום געריכט (נאָך ניט לאַנג זיינען פאַרמשפט געוואָרן צום טויט צוויי קריסטן, וועלכע האָבן דעם 9 אָקטאָבער 1920 געהרגעט די שוועסטער נאַיין). די דאָזיקע קאָמיסיע האָט אויך אויסגעפאָרשט און באַשטעטיקט דעם פאַקט, וואָס איז פאָרגעקומען אין עטלעכע טעג אַרום נאָכן פאַרנעמען ווילנע: מען האָט געפירט איבער די גאַסן אַ גרופּע געפאַנגענע ליטווישע סאָלדאַטן, און צווישן זיי איז געווען אויך אַ יידישער זעלנער. דעם דאָזיקן יידן האָט מען דעם גאַנצן וועג געצוואונגען צו שרייען: „איך בין אַ באָלשעוויק" און מ'האָט אים אומברחמנותדיק געשלאָגן, בעת ער האָט אויף אַ רגע אויפגעהערט צו שרייען. דער אויסגעמאַטערטער יידישער סאָלדאַט האָט געכאַפּט אַן איינדרוק פון אַ משוגענעם, און דער פּוילישער קאָנוואָי מיטן עלטסטן בראש האָט דערביי גאַנץ גוטמוטיק געלאַכט. אָבער, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז דער אומגליקלעכער ייד געווען אַ פולקום קלאָרער, בלויז שרעקלעך פאַרפייניקט.

גענעראַל זשעליגאָווסקי גופא און זיינע נאָענטע מיטהעלפער זיינען אָבער אַליין געווען אויפגערעגט פון אַזוינע מעשים פון דעם מיליטער און פלעגן אַלעמאָל גערן אויסהערן די טענות פון די יידישע פאָרשטייער. שפּעטער, בעת דאָס אינעווייניקסטע לעבן האָט זיך ביסלעכווייז שוין איינגעשטעלט, איז די אויסערלעכע פּאָליטישע לאַגע פון ווילנע און ווילנער קאַנט נאָך געווען גענוג אומבאַשטימט און ניט זיכער. אונטערן דרוק פון דער פעלקער־ליגע איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ וואָפנשטילשטאַנד צווישן מיטל־ליטע און קאָוונער ליטע, אָת ס'איז אַרויסגעשוואומען מצד דער פעלקער־ליגע די פאָדערונג, אַז דאָס לעצטע וואָרט אין דעם סיכסוך צווישן פּוילן און ליטע מכוח דער צוגעהעריקייט פון ווילנער קאַנט דאַרף געהערן דער שטים (Consultation) פון דער באַפעלקערונג פון דעם דאָזיקן קאַנט גופא.

די ליטווינער אָבער האָבן אַרויסגעשטעלט אַ פאָדערונג, אַז ביי דער דורכפירונג פון אַזאַ פּלעביסציט זאָל זשעליגאָווסקיס מיליטער פאַרלאָזן ווילנע, און די מאַכט זאָל איבערגיין צו נייטראַלן מיליטער. און ס'איז שוין געווען טאַקע אַ רייד, אַז נייטראַלע לענדער זאָלן שיקן זייערע אָפּטיילונגען אין ווילנער קאַנט. פון דעם פּראָיעקט איז אָבער גאָרניט געוואָרן, און דער ענין ווילנע איז ניט איינמאָל געשטאַנען אויפן סדר־היום אויף זיצונגען און קאָנפערענצן פון דער פעלקער־ליגע.

נאָכדעם ווי די פראַגע וועגן פּלעביסציט איז אַראָפּ פון סדר־היום, איז ווידער אויפגעשוואומען דער געדאַנק, וועלכן ס'האָט נאָך פּראָקלאַמירט פּילסודסקי, וועגן אַ סיים אין ווילנע, וואָס דאַרף באַשטימען דעם גורל פון קאַנט.

צי ביי אַ פאָלקס־קאָנסולטאַציע צי ביי אַ סיים, וואָלט די מיינונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, פאַרשטייט זיך, געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג. און די רעגירונגס־קרייזן האָבן דעריבער געזען צוציען די יידן אויפן פּוילישן צד. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט מען אַ לאַנגע צייט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די ווילנער יידן. גענעראַל זשעליגאָווסקי גופא האָט זיך זייער אינטערעסירט מיט זייער מיינונג און ניט איינמאָל איינגעלאַדן צו זיך יידישע פאָרשטייער פון פאַרשיידענע ריכטונגען, כדי זיך צו אינפאָרמירן וועגן דער „יידישער אָריענטאַציע". צו גלייכער צייט האָט אויך די פּוילישע דעמאָקראַטישע געזעלשאַפט געמאַכט פּרובן זיך צו „פאַרשטענדיקן" מיט די יידן און זיך נעענטער באַקאָנען איינע מיט די אַנדערע.

ס'פלעגן פאָרקומען פּריוואַטע פאַרזאַמלונגען מיט די פּוילישע דעמאָקראַטן, „קראַיאָוצעס" און אויך מיט אייניקע פּ. פּ. ס. די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען האָבן געזאָלט לייגן אַ יסוד פון אַ געמיינשאַפטלעכן פּאָליטישן קלוב. די יידן אָבער פלעגן די ערשטע צייט אויסמיידן צו ריידן וועגן פּאָליטישע פראַגן, אויפווייזנדיק, אַז כדי צו פאַרבעסערן די פּויליש־יידישע באַציאונגען איז וויכטיק קודם־כל זיך נעענטער צו דערקענען. אין דעם פּרט זיינען די פּוילישע געזעלשאַפט, די ברייטע פּוילישע מאַסן ווייניק באַקאַנט מיט דער יידישער געשיכטע, מיט דער קולטור און ליטעראַטור פון די יידן. אָבער קיין גרויסע באַדייטונג האָט די דאָזיקע „התקרבות" ניט געהאַט, מחמת אין די פאַרזאַמלונגען האָבן גענומען אַן אָנטייל בלויז אַ קליינער טייל, הגם זייער סימפּאַטישע און געבילדעטע פּאָליאַקן־דעמאָקראַטן (טשעסלאַוו יאַנקאָווסקי, ביידע כאָמינסקיס, אַדוואָקאַט קשיזשאַנאָווסקי, לודוויק אַבראַמאָוויטש, אַמאָל וויטאָלד אַבראַמאָוויטש א. אַנד.), וועלכע האָבן אין דער פּוילישער געזעלשאַפט, דער עיקר אין די ברייטע שיכטן, לחלוטין קיין איינפלוס ניט געהאַט. די ברייטע פּוילישע מאַסן, חוץ אַ ניט באַדייטנדער צאָל סאָציאַליסטיש־געשטימטע אַרבעטער, זיינען אַלע געווען אונטער דער השפּעה פון ענדעקעס אָדער גלחים („ליגאַ ראָבאָטניטשאַ"), אָדער אַנדערע רעאַקציאָנערע אָרגאַניזאַציעס.

די פּ. פּ. ס. (באַגינסקי, קוליקאָווסקי א. אַנד.), וועלכע האָבן

לכל־הפחות געקענט האָבן אַ ווירקונג אויף אַ טייל אַרבעטער, פלעגן אין אונזערע פאַרזאַמלונגען ווייניק אַקטיוו אָנטייל נעמען, כחמת אויך מצד די יידן האָבן די סאָציאַליסטן („בונד" א. אנד.) אָפּגעזאָגט זיך צו באַטייליקן. בכלל מוז דאָ אָנגעוויזן ווערן, אַז דער טייל פון די יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען, וועלכער האָט אַמאָל געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אויף דער יידישער גאַס און שטאַרק געווירקט אויף דער פּאָליטישער אויפקלערונג און רייפקייט פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן (איך מיין דעם „בונד"), האָט אין די לעצטע יאָרן אין ווילנע זיך צו גלייכגילטיק באַצויגן צו די פּאָליטישע געשעענישן, וועלכע די שטאָט און דער גאַנצער קאַנט האָט איבערגעלעבט, און צוליב דעם אפשר אויך פאַרלאָרן אַ גרויסן טייל פון דער השפּעה, וועלכע ער האָט געקענט האָבן. ניט קוקנדיק אויף דעם קאַמף מיט די לינקערע עלעמענטן, וועלכע האָבן געהאַט גאָר אַן אַנדער אָריענטאַציע, האָט דער „בונד" פאַרנאַכלעסיקט זיין השפּעה אין דער קהילה, באָיקאָטירט די וואַלן אין שטאָטראַט און לאַנג ניט געהאַט קיין שטאַנדפּונקט אין דער פראַגע וועגן דער צוגעהעריקייט פון קאַנט.

דאָס לעבן האָט אָבער ניט געוואַרט, און דער יידישער באַפעלקערונג איז פאָרט אויסגעקומען זיך אַרויסצוזאָגן וועגן דעם ענין ווילנע.

פאַראויסזעענדיק, אַז אַ סיים קען ניט מיט דער געהעריקער ריכטיקייט אָנטשליסן די דאָזיקע פראַגע, האָבן זיך די יידישע בירגערלעכע פאַרטייען שוין לכתחילה אָפּגעזאָגט צו נעמען אַן אָנטייל אין די וואַלן. די גאַנצע פראַגע איז טאַקע פון וואַרשע אויס גופא געוועסט אָפּגעלייגט געוואָרן און אויף אַ געוויסער צייט לגמרי אַראָפּגענומען געוואָרן פון סדר־היום. די יידישע פּאָליטיקער זיינען געשטאַנען דערפאַר, אַז אין דעם דאָזיקן ענין דאַרף קאָוונע זען זיך צוזאַמענריידן מיט ווילנע גופא און אויך אומגעקערט; בכל אופן טאָר די זאַך ניט אַנטשיידט ווערן דורך געווער. די קאָוונער רעגירונג אָבער, ניט אָנערקענענדיק זשעליגאָווסקיס צייטווייליקע רעגירונגס־קאָמיסיע און האַלטנדיק אים אַליין פאַר אַן אומגעזעצלעכן פאַרכאַפּער, האָט געמאַכט פרוכן צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט דער וואַרשעווער רעגירונג, אָבער דערפון איז אויך גאָרניט אַרויסגעקומען. דערנאָך — אין אַ געוויסער מאָס אונטערן דרוק פון דער ווילנער יידישער פּרעסע, זיינען געמאַכט געוואָרן פרובן מצד די ניט אָפיציעלע פאַרטייען פון קאָוונע און ווילנע זיך צוזאַמענצורעדן. אין אַ ריי באַראַטונגען האָבן גענומען אַן אָנטייל צוזאַמען מיט די דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטן פון קאָוונער סיים און פאָרשטייער פון די אַנטשפּרעכנדיקע פּוילישע פּאָליטישע פאַרטייען אין ווילנע, אויך די ווילנער יידן (די פאָרשטייער פון „בונד" האָבן אויך דאָ געפעלט). צו קיין הסכם איז מען אָבער פאָרט ניט געקומען, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס אַלס יסוד איז גענומען געוואָרן הימאַנסעס פּראָיעקט, וואָס לאָזט איבער ווילנע פאַר ליטע (גרויסליטע), נאָר פאַרזיכערט די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, דער עיקר די פּאָליאַקן, ניט נאָר נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלע, נייערט טעריטאָריאַלע (קאַנטאָנאַלע) אַווטאָנאָמיע.

אַזוי־אַרום האָבן די פיינדלעכע באַציאונגען צווישן די פּאָליאַקן און די ליטווינער, — ריכטיקער פּוילן און ליטע — זיך נאָך פאַרערגערט. דאַן האָט די פּוילישע רעגירונג, ניט פרעגנדיק אפילו ביי דער פעלקער־ליגע, באַשטימט אַנדערשניט די וואַלן צום ווילנער סיים, וועלכער זאָל באַשליסן וועגן דעם גורל פון קאַנט. כדי אין אַ געוויסער מאָס אַנטקעגן צו קומען דעם ווילן פון דער אַנטאַנטע און צו שאַפן אַ דעקאָרום פון פולער אומפּאַרטייאישקייט ביי די וואַלן, האָט די וואַרשעווער רעגירונג אָפּגערופן דעם גענעראַל זשעליגאָווסקין און אויף זיין אָרט באַשטימט אַ ציווילע פּערזאָן, דעם גוטבאַזיצער מיישטאָוויטש.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע אַגיטאַציע מצד אַלע פּוילישע פאַרטייען, דאָס רוב פון זיי האָבן אַרויסגעשטעלט איין לאָזונג: „צו פּוילן!" די חילוקי־דעות זיינען בלויז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די גרעסטע פּאַרטיי, די ענדעקעס, האָט געפאָדערט, אַז דער ווילנער סיים זאָל זיין אויסשליסלעך אַ „באַשטימענדיקע פאַרזאַמלונג", וועלכע דאַרף נאָר אַנטשיידן איין פראַגע: „צו פּוילן צי צו ליטע" און גלייך נאָכדעם זיך פונאַנדערגיין. און די איבעריקע פאַרטייען האָבן זיך אַרויסגעזאָגט דערפאַר, אַז דער סיים דאַרף טאַקע זיין אַ סיים, ד. ה. ער דאַרף, אַחוץ דער פראַגע וועגן דער צוגעהעריקייט פון קאַנט, אויך זיך פאַרנעמען מיט דער אָרגאַנישער, ד. ה. געזעצגעבערישער און זאַגפירנדיקער אַרבעט.

וואָס איז שייך דעם לאָזונג „צו פּוילן", איז ער כלומרשט געווען פון פאַרשיידענע פאַרטייען פאַרשיידן פאַרשטאַנען; בעת די מערהייט האָט געפאָדערט, אַז ווילנע זאָל „אָן שום באַוואָרענישן" אינקאָרפּאָרירט ווערן אין פּוילן, האָבן די אַנדערע („אָדראָדזעניע", למשל) דערלאָזן, אַז דער ווילנער קאַנט זאָל נאָר ווערן פאַראייניקט מיט פּוילן אויף געוויסע באַדינגונגען (אַווטאָנאָמיע, אַ באַזונדערער סיים און דאָס גל.), וועלכע דאַרפן נאָך ווערן אויסגעאַרבעט. די צאָל פּאָליאַקן, אמתע „קראַיאָווצעס", ד. ה. אַזעלכע, וואָס האָבן אָקאָרשט אָנערקענט „מיטלליטע" און געפונען, אַז ווילנער קאַנט האָט גאָר אַנדערע היסטאָרישע און עטנאָגראַפישע באַזונדערהייטן, — איז געוואָרן אַלץ ווייניקער. און נאָך ווייניקער איז מיט אַמאָל געוואָרן „פעדעראַליסטן", וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז ווילנע דאַרף טאַקע געהערן צו ליטע, נאָר מיטן תנאי, אַז ליטע זאָל זיין אין אַ פעדעראַציע מיט פּוילן.

פאַר דער יידישער באַפעלקערונג פון ווילנער קאַנט איז בכן געשטאַנען צו אַנטשיידן זייער אַן ערנסטע, וויכטיקע און פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָליטישע פּראָבלעם, צי נעמען אַן אָנטייל אין די וואַלן צום סיים אָדער ניט?

די פּוילישע דעמאָקראַטן, וועלכע זיינען געווען פאַראינטערעסירט צו האָבן אין סיים אַ גרעסערע מערהייט אַנטקעגן די ענדעקעס, האָבן מיט אַלע מיטלען געזוכט צו איבערצייגן די יידן, אַז זיי מוזן גיין אין סיים. נאָך מערער איז געווען פאַראינטערעסירט דערין די פּוילישע רעגירונג גופא. פאַר איר איז געווען וויכטיק צו ווייזן דער אויסערלעכער וועלט, אַז דער ווילנער סיים מאַניפעסטירט דעם אמתן ווילן פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעטן, און אויב אַזאַ סיים זאָגט זיך אַרויס פאַר פּוילן, אַנטשפּרעכט דאָס פולקום דעם פּרינציפּ פון זעלבסטבאַשטימונג — וואָס די פעלקערליגע פאָדערט.

דעריבער פלעגן די יידן ניט איינמאָל ווערן איינגעלאַדן אויף באַראַטונגען ניט נאָר צו די פּוילישע דעמאָקראַטן, נייערט אויך צום פּרעזידענט פון דער צייטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע מיישטאָוויטשן. דער לעצטער פלעגט רופן צו זיך איינצלנע יידישע פאָרשטייער פון יעדער ריכטונג באַזונדער און אַלעמען צוזאַמען און מיט גוטע רייד, אַמאָל אויך מיט פאָרזיכטיקע דראָאונגען זיך באַמיט צו ווירקן, אַז די ווילנער יידן זאָלן נעמען אַן אָנטייל אין די וואַלן צום סיים. צום סוף, שוין אַ פּאָר טעג פאַר די וואַלן, דעם 5—6 דעצעמבער 1921, בעת דער אָנטייל אין די וואַלן איז שוין געווען זאָגאַר אוממעגלעך, זיינען מיר דריי (הרב רובינשטיין, ד״ר וויגאָדסקי און איך) איינגעלאַדן געוואָרן קיין וואַרשע אויף אַ געשפּרעך מיטן מיניסטער פאַר אויסלענדישע ענינים סקירמונט, מיניסטער פאַר אינווייניקסטע ענינים דאָוונאַראָוויטש, דירעקטאָר פון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג

פון מיניסטאָרן=קאַבינעט געלזשינסקי, דירעקטאָר פון דער אָפּטיילונג פאַר מזרח=ענינ׳ם, גראַף קאָסאַקאָווסקי א. אַנד—כּדי אויסצוהערן אונזערע דערקלערונגען, פאַרוואָס מיר נעמען ניט קיין אָנטייל אין די וואַלן און צו ווירקן, אַז מיר זאָלן לכל=הפּחות אַרויסגעבן אַ דעקלאַראַציע, אַז מיט אונזער אָפּזאָג זיינען מיר ניט אויסן אַרויסצווייזן אונזער קעגנערשאַפט צו פּוילן, און צו שאָדן איר.

אין די דאָזיקע געשפּרעכן האָבן מיר אָפן אַרויסגעזאָגט אונזער שטעלונג בנוגע דעם ענין ווילנע.

און דער ענדגילטיקער באַשלוס פון אַלע יידישע פּאַרטייען, בתוכם אויך דעם „בונד“ און די לינקערע גרופּירונגען, נאָך זייער לאַנגע ישוב=הדעתן און וואַקלונגען, איז געווען אַ נעגאַטיווער: ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן **ניט צו נעמען קיין אָנטייל אין די וואַלן**.

די אָנהענגער פון יאָ נעמען אַ אָנטייל האָבן אַרגומענטירט אַזוי:

די יידן האַלטן זיך פאַר גלייכע בירגער און מוזן בכלל נעמען אַן אָנטייל אין אַלע געזעצגעבערישע אינסטיטוציעס, בפרט נאָך אַזעלכע, וועלכע דאַרפן באַשליסן דעם גורל פון זייער היימלאַנד. אין דער דאָזיקער פראַגע זיינען די יידן בלוטיק פאַראינטערעסירט פונקט אַזוי, ווי די אַנדערע בירגער, און קענען זיין גראָד דאָ מער קאָמפּעטענט און אָביעקטיוו, ווי די פּאָליאַקן אָדער די ליטווינער, ווייל זיי זיינען ניט אַזוי שאָוויניסטיש פאַרבלענדט, ווי די דאָזיקע ביידע נאַציאָנאַליטעטן. אין פאַל, אויב דער סיים וועט באמת זיין אַ געזעצגעבערישער, איז דער אָנטייל פון די יידן געוויס זייער נייטיק צוליב זייערע אייגענע אינטערעסן. די דיפערענצן צווישן דער שטעלונג פון די יידן בנוגע דער צוגעהעריקייט פון קאַנט און דער שטעלונג פון דעם גרעסטן רוב פּאָליאַקן, דאַרפן די יידן ניט אָפּהאַלטן פון גיין אין סיים; זיי מוזן מוטיק אַרויסזאָגן זייער מיינונג, הגם זיי וועלן זיין אין דער מינדערהייט, אַחוצדעם, קען דער אָפּזאָג פון נעמען אַן אָנטייל אין סיים מאַכן דעם איינדרוק, אַז די יידן האַלטן זיך אַליין פאַר פרעמדע, ניט פאַר אמתע בירגער, אַזאַ שטעלונג קען אויך אויסגעטייטשט ווערן אַלס פיינדשאַפט צו פּוילן און נאָך פאַרשאַרפן דעם אַנטיסעמיטיזם.

די מאָטיוון **קעגן** זיינען אָבער געווען שטאַרקער, דהיינו: ערשטנס איז ווילנער קאַנט, וואָס רופט זיך אָן „ליטע“, טאַקע אַ באַשטאַנדטייל פון ליטע, פּונקט אַזוי, ווי קאָוונער קאַנט און די איבעריקע ליטווישע געגנטן; אָבער אונטער **ליטע** דאַרף מען פאַרשטיין ניט אַ לאַנד, וואָס געהערט די **ליטווינער** בלויז, נייערט אַ מדינה, וואָס געהערט אַלע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס באַוואוינען זי. בקיצור, די באַוואוסטזיניקע עלעמענטן פון די יידן באַטראַכטן גרויסליטע, אַלס אַ **נאַציאָנאַליטעטן**=מלוכה. וואו **אַלע** נאַציאָנאַליטעטן זיינען פולקום גלייך, און ניט אַלס **נאַציאָנאַלע** מלוכה, וואו נאָר איין נאַציאָנאַליטעט איז די הערשנדיקע. אַרויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט געפינען די יידן, אַז פאַרן גורל פון קאַנט איז בעסער, אַז ווילנע זאָל געהערן צו גרויסליטע.

פון דער אַנדערער זייט אָבער, איז געוויס ליטע אַ צו קליינע מלוכה, זי זאָל קענען גאַנץ זעלבשטענדיק עקסיסטירן. אַחוצדעם איז ליטע זייער שטאַרק פאַרבונדן מיט פּוילן הן היסטאָריש, הן קולטורעל, הן עקאָנאָמיש, און דעריבער וואָלט געווען זייער ריכטיק, אַז זי זאָל זיין, ביי באַשטימטע באַדינגונגען, **פעדערירט** מיט פּוילן.

אָט דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט, הגם גאַנץ לאָיאַלן, וואָלט גאָר געווען אוממעגלעך אַרויסצושטעלן אין סיים, ווייל די פראַגע שטייט גאַנץ שאַרף: „צו פּוילן, צי צו ליטע?“ און ס׳איז ניטאָ דאָ קיין





אָרט פאַר דער פראַגע, צו **וועלכער** ליטע—צו דער איצטיקער, קאָוונער ליטע, צי צו גרויסליטע?

דער עיקר אָבער איז, וואָס דעם סיים שטייט פאָר צו באַשליסן אַ ריין **פלעביסציטאַרע** פראַגע. און ביי אַזאַ כאַראַקטער פון סיים דאַרפן די וואַל=באַדינגונגען אויך זיין אַזעלכע, ווי ביי אַ פלעביסציט, די גאַנצע אָנפירונג דאַרף זיין גאַנץ **נייטראַל**, ווי דאָס איז געווען, למשל, דער פאַל ביים פלעביסציט אין אייבערשלעזיע. די וואַלן אָבער אין ווילנער סיים זיינען געווען אָנגעפירט דורך איין צד, דעם פאַראינטערעסירטן; אויך איז אין דער וואַל=טעריטאָריע ניט אַריין די גאַנצע שטרייט=טעריטאָריע.

דעריבער האָבן טאַקע ניט גענומען קיין אָנטייל אין די וואַלן אויך די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן פון לאַנד—ניט די ליטווינער, ניט די ווייסרוסן, וועלכע בילדן אין דער פּראָווינץ אַ גרויסן פּראָצענט.

אַזוי=אַרום איז קלאָר געוואָרן, אַז דער סיים דאַרף זיין בלויז אַ דעקאָרום פאַר אייראָפּע, אַז דער באַשלוס וועגן אינקאָרפּאָרירן ווילנער קאַנט אין פּוילן איז שוין באַשטימט געווען פאָראויס. און דער אָנטייל פון די יידן,—וועלכע וואָלטן, אַגב, ביי די באַשאַפענע באַדינגונגען פון וואַלן און אַגיטאַציע געקענט האָבן בלויז 2—3 דעפּוטאַטן,—וואָלט נאָר געווען אַ דעקאָראַציע פאַרן ניט=ריכטיקן צוזאַמענשטעל פון סיים. נאָכמער, אויב די יידן וואָלטן נעמען אַן אָנטייל אין די וואַלן, וואָלט דאָס הייסן, אַז דער סיים שטעלט פאָר די אמתע נאַציאָנאַליטעטן=פאַרהעלטעניש פון קאַנט; ס׳וואָלט הייסן, אַז דער ווילנער קאַנט באַשטייט פון פּאָליאַקן, מיט אַ נישטיקן פּראָצענט פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, בעת באמת בילדן די יידן 14%—15 און די ווייסרוסן אין מאַנכע קרייזן 50%—60.

וואָס איז שייך דער מעגלעכקייט, אַז דער סיים זאָל ווערן כאָטש צייטווייליק אַ געזעצגעבערישע אינסטאַנץ און האָבן צו זאָגן איבער וויכטיקע עקאָנאָמישע און קולטורעלע פראַגן,—איז געווען פאָרויסצוזען, אַז דאָס וועט ניט פאַרווירקלעכט ווערן. פאַרקערט, ס׳איז קלאָר געווען, אַז דער סיים וועט מער ניט זיין אַ דעמאָנסטראַציע און וועט כמעט איינשטימיק באַשטימען (באמת זיינען נאָר 4 שטימען געווען פאַר גרויסליטע), אַז ווילנער קאַנט דאַרף געהערן צו פּוילן.

אין דעם אַלעם האָבן די יידן קיין אָנטייל ניט געקענט נעמען, ניט געקענט נעמען אויף זיך די אחריות פאַר דעם זייער וויכטיקן פּאָליטישן באַשלוס וועגן גורל פון ווילנער קאַנט.

---

## XIII.

דעם 8=טן יאַנואַר 1921 זיינען פאָרגעקומען די וואַלן צום ווילנער סיים. לויט די אָפיציעלע ידיעות האָבן גענומען אַן אָנטייל אין די וואַלן ביז 64% פון דער באַפעלקערונג; אין די קליינע שטעטלעך זאָלן זיין געגאַנגען צו די וואַלן זאָגאַר בערך 30% יידן. אָבער אין די וואַלליסטן האָבן ניט די ווייסרוסן, ניט די יידן, אַ פשיטא שוין די ליטווינער, קיין איין קאַנדידאַט ניט אַרויסגעשטעלט*). די גרעסטע מערהייט האָבן, ווי מען האָט געקענט ערוואַרטן, געהאַט די נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטן (ענדעקעס) און

*) הגם קיין איין ייד איז אין סיים ניט געווען, האָבן בייזע צינגער גערעדט, אַז עס זיינען דאָך דאָרטן געזעסן איין משומד (טשעסלאַוו נוסבוים—אַ זון פון דעם באַקאַנטן אַסימילאַטאָר, משומד העגריק נוסבוים) און 3, וועלכע שטאַמען פון יידן (ענגעל, קשיזשאַנאָווסקי און נאָך איינער).

פאַרשיידענע גרופּירונגען פון דער פּוילישער פּאָלקספּאַרטיי („ליודאָווצעס").

דעם 1=טן פעברואַר האָט זיך דער סיים פייערלעך געעפנט און דעם 20=סטן פעברואַר אָנגענומען די פאַראייניקונגס=רעזאָלוציע און שוין אויפגעהערט צו עקסיסטירן. אַחוץ די 4 דעפּוטאַטן פון דער אָפּגעשפּאָלטענער „אָדראָדזעניע" פון סטעפּאַן מיצקעוויטשעס גרופּע, האָבן אַלע דעפּוטאַטן, מיט פאַרשיידענע נוסחאות, זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אינקאָרפּאָראַציע פון ווילנער קאַנט אין פּוילן, און 20 מיטגלידער פון ווילנער, זיינען אַריין אַלס דעפּוטאַטן אין וואַרשעווער סיים. אין וואַרשע גופא האָבן די ווילנער ענדעקישע דעפּוטאַטן זיך לאַנג געאַמפּערט ביים אונטערשרייבן דעם אַקט וועגן דער פאַראייניקונג פון ווילנער קאַנט מיט דער פּוילישער רעפּובליק, אָבער סוף=כל=סוף איז מען מושווה געוואָרן, און מיטל=ליטע איז אָפיציעל געוואָרן פּוילן. די צייטווייליקע רעגירנדיקע קאָמיסיע איז ליקווידירט געוואָרן, און מיט ווילע האָט אָנגעהויבן צו פאַרוואַלטן אַ דעלעגאַט. נאָך דער אינקאָרפּאָראַציע איז צו ווילנער קאַנט צוגעגעבן געוואָרן אין אַדמיניסטראַטיווער הינזיכט דיסנער, ווילייקער און בראַצלאַווער קרייזן.

אויסערלעך האָט זיך ווייניק וואָס אומגעביטן, ווייל פּאַקטיש איז שוין אויך פריער די גאַנצע מאַכט און אָנפירונג געווען ביי די פּאָליאַקן און אין פולער אָפּהענגיקייט פון וואַרשע. דערפאַר האָבן זיך געענדערט די באַציאונגען צו די יידן: די פריערדיקע אויפמערקזאַמקייט האָט אויפגעהערט. נאָך ערגער זיינען געוואָרן די באַציאונגען צו די ליטווינער. קעגן דער ליטווישער פּרעסע, וועלכע האָט ניט געקענט שלום ווערן מיט דעם אַקט פון פאַראייניקן ווילנע מיט פּוילן, זיינען אָנגעווענדט געוואָרן די שאַרפסטע רעפּרעסיעס ביז פולשטענדיקער ליקווידאַציע. 33 ליטווישע און ווייסרוסישע געזעלשאַפטלעכע טוער זיינען נאָך פאַר דער עפענונג פון סיים אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין קאָוונע.

די גרעסטע שוועריקייטן זיינען נאָכן פאַראייניקונגס=אַקט געמאַכט געוואָרן אין דער פראַגע וועגן בירגערשאַפט. דער שכל האָט מחייב געווען, אַז מיט דער אינקאָרפּאָראַציע פון מיטל=ליטע אין פּוילן באַקומען אַלע מיטל=ליטווישע בירגער ממילא שוין בירגערשאַפט. די מאַכט אָבער האָט פאַרשטאַנען די זאַך אַנדערש און האָט אָנגעהויבן צו שטעלן גרויסע מניעות ביים באַקומען אַ שטענדיקן פּאַס דורך די=יעניקע, וועלכע האָבן ביז אַהער רואיק געלעבט אין מיטל=ליטע. די גאַנצע פּראָצעדור ביים אַרויסנעמען דעם פּאַס איז געוואָרן אַזוי פאַרשווערט, אַרומגערינגלט מיט אַזוי פיל פאָרמאַליטעטן, אַז מענטשן פלעגן אָפּשטיין ביים סטאַראָסטעס גאַנצענע טעג און וואָכן, איידער זיי האָבן זיך צו וואָס עס איז געקענט דערשלאָגן. פאַרשטייט זיך, אַז מער פאַר אַלעמען האָבן דערפון געליטן יידן, אי דערפאַר, מחמת אָן אַ פּאַס איז אוממעגלעך געווען זיך צו באַוועגן און פאָרן מיט דער אייזנבאַן. איז דערפאַר, וואָס פּאָליאַקן האָבן באַקומען בירגערשאַפט שוין צוליב דעם פאַקט אַליין, וואָס זיי זיינען פּאָליאַקן. פונדעסטוועגן האָט עס אָנגערירט אויך ניט=יידן, אַך ס'איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די יידישע דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט אָנגענומען וועגן דעם אַ פּראָטעסט=רעזאָלוציע, און די יידישע ראַטמענער האָבן אַריינגעטראָגן וועגן דעם ענין אַן אָנפראַגע אין ווילנער שטאָט=ראַט. דער לעצטער האָט געשיקט וועגן דעם אַ דעפּוטאַציע צום דעלעגאַט, און ס'איז געוואָרן איינגעפירט פינף ביוראָען, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיטן אַרויסגעבן פּעסער.

אָבער פאַר די, וואָס קומען אָן פון רוסלאַנד, אפילו פאַר אמתע תושבים פון ווילנער קאַנט, האָט זיך די זאַך דערמיט ניט פאַרבעסערט. די פּראָווינציעלע סטאַראָסטעס, למשל, פון אָשמענער קרייז, פלעגן פאָדערן פון די געקומענע ראיות, אַז זיי זיינען פאַרשריבן אין די אָרטיקע ביכער, בעת אַלע דאָקומענטן פון אַרכיוון, זיינען מיט דער מלחמה פולשטענדיק פאַרלוירן געגאַנגען. וועגן דעם האָט זיך דער פּרעזידיום פון ווילנער „יעקאָפּאָ" געווענדט מיט אַ מעמאָראַנדום צום דעלעגאַט, און אייניקע פאַרלייכטערונגען אין דעם פּרט זיינען צוגעזאָגט געוואָרן.

אין ווילנע גופא עקסיסטירט נאָך עד=היום פאַר די געקומענע פון רוסלאַנד אַ גאַנצע ריי שוועריקייטן און פאָרמאַליטעטן ביים רעגיסטרירן זיך און אַרויסקריגן אַ פּאַס, מעגן זיי האָבן געקומען אפילו לעגאַל מיט דער ערלויבעניש פון דער מאַכט. די פּראָצעדור איז אַזאַ לאַנגע און קאָמפּליצירטע, אַז מענטשן שטייען אָפּ אין דער הויפּט=מיליציע פון דער נאַכט אָן, כדי צו פאַרנעמען אַן אָרט אין „אָטשערעד" און זיך דערשלאָגן צו זייער ריי.

אָבער שווערער פאַר אַלעמען איז דער גורל פון די אַזוי=גערופענע „אָבצאָקראַיאָווצעס", ד. ה. פון די, וואָס וואוינען אין ווילנע, למשל, פון מיטן 1918 יאָר. אויך לויט די מיטל=ליטווישע תקנות האָבן זיי ניט קיין בירגעררעכט (דערצו האָט מען דאָ געדאַרפט וואוינען פאַרן ערשטן יאַנואַר 1918). פון רוסלאַנד זיינען זיי געלאָפן און רעכענען זיך ניט פאַר קיין רוסישע בירגער, און פּוילן האַלט זיי פאַר פרעמדע. אין בעסטן פאַל באַקומען זיי אַ „קאַרטאַ פּאָביטו", ד. ה. מען לאָזט זיי וואוינען דאָ, וואו זיי זיינען, אָבער ביי יעדער נסיעה מיט דער אייזנבאַן מוזן זיי באַקומען אַ באַזונדערע ערלויבעניש; און טאָמער געלינגט זיי יאָ ערגעץ צו פאָרן, שיקט מען זיי פון יענעם אָרט תיכף אַרויס. וועגן בירגערשאַפט, וואַלרעכט א. ד. גל. איז שוין אָפּגערעדט. אַזוינע פּערזאָנען ווערן אויך ניט צוגעלאָזט צו פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס, ווי אַ פאַרוואַלטער פון אַ שול (אפילו אַ פּריוואַטע), באַקומען ניט קיין אויסלענדישן פּאַס מיט דעם רעכט צו קומען צוריק א. ד. גל.—צו דער דאָזיקער גרופּע „פרעמדע" געהערן דאָס רוב יידן. זייער לאַגע דאַרף ניט פאַרגליכן ווערן מיט אויסלענדער, ווייל אַזעלכע האָבן אויסלענדישע פּעסער פון זייער מלוכה און מעגן אין פּוילן זיך פריי באַוועגן.

ניט בעסער איז דערווייל מיט דער פאַראייניקונג צו פּוילן געוואָרן אין דער שולפראַגע. אמת, אויף ווילנע פאַרשפּרייט זיך דאָס געזעץ פון דער פּוילישער רעפּובליק וועגן איינפירן אַן אומזיסטן שולצוואַנג. אמת איז, אַז אין דער קאָנסטיטוציע איז דאָ אַ פּאַראַגראַף, וועלכער ערלויבט יעדער נאַציאָנאַלער מינדערהייט לערנען די קינדער אויף דער מוטערשפּראַך, פאַררופן זיך אָבער די פּוילישע באַאַמטע און די רעאַקציאָנערע מערהייט אין די שטאָטראַטן, אַז דאָס ווענדט זיך אָן סיים דורכצופירן אין לעבן, און דערווייל דערלאָזן זיי ניט, אַז די יידישע שולן אויף יידיש זאָלן ווערן אויסגעהאַלטן פון דער מלוכה אָדער דער שטאָט=פאַרוואַלטונג. ביז דער פאַראייניקונג מיט פּוילן זיינען די שולן אין ווילנע און ווילנער קאַנט גלאַט אויסגעהאַלטן געוואָרן פון דער פּוילישער מלוכה, און די יידישע שולן פלעגן באַקומען נאָר אַ נישטיקע און ניט שטענדיקע סובסידיע. אָבער נאָך דער אָפיציעלער אינקאָרפּאָראַציע האָט די ווילנער שול=מאַכט ערקלערט, אַז צום נייעם שול=יאָר וועט מען איינפירן אומזיסטע פּאָלקסשולן אויך פאַר יידן, אָבער מיט פּויליש, אַלס אונטערריכטסשפּראַך, שולן, וואו די גאַנצע יידישקייט זאָל באַשטיין אין דעם, אַז דער רו=טאָג וועט זיין שבת, אָנשטאָט זונטאָג. אַזאַ „רעפאָרם" וואָלט געווען אַ טויט=קלאַפּ פאַר די איצטיקע יידישע שולן און וואָלט שטעלן אין סכנה די אַלע גרויסע אויפטוען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן ביז אַהער אויף דעם געביט פון יידישער ערציאונג אין ווילנע. ס'איז קיין וואונדער ניט, וואָס דער נייער פּראָיעקט האָט אויפגעטרייסלט די גאַנצע יידישע געזעלשאַפט, האָט אַרויסגערופן מאַסן=פּראָטעסטן פון אַלע יידישע

שול-אָרגאַניזאַציעס, עלטערן-פאַרזאַמלונגען און פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

אָנגעהויבן די אַקציע האָט מיט גרויס ענערגיע די צייטונג „אונזער טאָג". דאָס אַרבעטער-וואָכנבלאַט „אונזער צייט" איז פאַרמאַכט געוואָרן צוליב אַן אַרטיקל וועגן דער שול-פראַגע. אַחוצדעם האָט דער צענטראַלער בילדונגס-קאָמיטעט אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעלע אויסגאַבע „פאַר אונזער שול"*). עס זיינען אויך אָנגענומען געוואָרן טריט צו ווירקן אויף דער היגער שול-מאַכט און די העכערע אינסטאַנצן אין פּוילן.

פון ווילנע איז דער קאַמף אַריבערגעוואָרפן געוואָרן קיין וואַרשע, און די יידישע ווילנע איז זיכער, אַז סוף-כל-סוף וועט איר שווערער קאַמף פאַר דער יידישער שול זיך ענדיקן מיט אַ נצחון.

אינטערעסאַנט איז, ווי אַזוי די שול-פראַגע איז ערליידיקט געוואָרן אין ווילנער שטאָטראַט.

אין דער שול-קאָמיסיע פון דעם שטאָטראַט, וועלכע איז אויסגעקליבן געוואָרן לויט דער איניציאַטיווע פון די יידישע ראַטמענער, איז פאָרגעלייגט געוואָרן, אַז אין סטאַטוט וועגן צוואַנגס-בילדונג זאָלן אין ערשטן פּונקט אַריינגעשטעלט ווערן די ווערטער, אַז די לימודים „קומען פאָר אין דער מוטערשפּראַך". די פּוילישע ראַטמענער האָבן דערמיט ניט מסכים געווען, ווי זיי האָבן געזאָגט, צוליב ריין פאָרמעלע טעמים, אויפווייזנדיק, אַז מען טאָר ניט בייטן דעם סטאַטוט, וועלכער איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן לויט דער קאָנסטיטוציע. נאָר אויף דער פּלענאַרער זיצונג, אונטער דער ווירקונג פון די יושרדיקע יידישע פאָדערונגען, איז געמאַכט ווערן אַ פאָרשלאָג מצד איינעם פון די נ. ד.-ראַטמענער גופא, אַז דער סטאַטוט זאָל ניט ווערן געביטן, נאָר ס'זאָל אַריינגעטראָגן געוואָרן אין פּ ר אָ ט אָ ק אָ ל אַלס אַ מיינונג פון שטאָטראַט, אַז די לימודים דאַרפן זיין אויף דער מוטערשפּראַך. צוליב פאָרמעלע טעמים, איז דער דאָזיקער פאָרשלאָג ניט אָפּגעשטימט געוואָרן און איז ווידער אַריבער אין דער שולקאָמיסיע מיט אַלע איבעריקע אויסבעסערונגען. אין דער שול-קאָמיסיע איז אַ י י נ ש ט י מ י ק אָנגענומען געוואָרן דער נוסח פון פאָרזיצער, אַז היות ווי אין די פּוילישע, רוסישע, ווייסרוסישע און ליטווישע שולן, וועלכע וועלן ווערן אויסגעהאַלטן פון שטאָטראַט מיט זאַכן (בנינים, באַהייצונג, שול-מכשירים א. ד. גל), ווערט געלערנט אויף דער מוטערשפּראַך, האַלט דער שטאָטראַט פאַר ריכטיק און אומבאַדינגט, אַז אויך אין יידישע שולן זאָלן די לימודים פאָרקומען אין יידיש אָדער העבּרעאיש (די אויסבעסערונג פון דער יידישער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, צו פאַרבייטן די לעצטע ווערטער מיט די ווערטער „מוטערשפּראַך" אָדער בלויז „יידיש", איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט די שטימען פון ד. נ. ד.)

ניט קוקנדיק דערויף, וואָס די מערהייט פון שטאָטראַט האָט, דאַכט זיך, פולשטענדיק מסכים געווען אויף דעם דאָזיקן נוסח, זיינען אויף דער נאָענטסטער זיצונג פון פּלענום דעם 3 אויגוסט 1922, מאָביליזירט און אָרגאַניזירט געוואָרן אַלע שוואַרצע קרעפטן פון שטאָטראַט און דער גאַנצער פאָרשלאָג פון דער שול-קאָמיסיע איז גאַנץ אומגעריכט פאַר די יידן ד ו ר כ ג ע פ אַ ל ן (און דערנאָך זיינען שוין דורכגעפאַלן אויך אַלע אַנדערע אויסבעסערונגען, וואָס די יידישע ראַטמענער האָבן אַריינגעטראָגן אין סטאַטוט). כאַראַקטעריסטיש איז, אַז ק ע ג ן דעם פאָרשלאָג האָבן געשטימט אויך די פּוילישע מיטגלידער פון דער ש ו ל-ק אָ מ י ס י ע ג ו פ א.

*) נאָך פריער האָט דער צ. ב. ק. אַרויסגעלאָזט אַ איינטאָגיקע אויסגאַבע „פאַר אונזערע קינדער" צו באַקענען די עפנטלעכקייט מיט די גראַנדיאָזע דער-גרייכונגען פון יידיש-וועלטלעכן שול-וועזן אין ווילנע.



אַלס פּראָטעסט, האָבן אַלע יידישע ראַטמענער דעמאָנסטראַטיוו פאַרלאָזן די זיצונג, אויף מאָרגן אַרויסגעלאָזט און פאַרעפנטלעכט (די פּוילישע צייטונגען האָבן ניט אָפּגעדרוקט) אַ דעקלאַראַציע צו דער באַפעלקערונג, אין וועלכער ס'איז אויפגעקלערט געוואָרן דער גאַנצער ענין און עס איז פאָרגעלייגט געוואָרן די פּאַרטייען צו באַטראַכטן די פראַגע וועגן דעם ווייטערדיקן פאַרבלייבן פון די יידישע ראַטמענער אין שטאָטראַט. אַלע פּאַרטייען האָבן באַשלאָסן, אַז די יידן דאַרפן זיך פון זייערע מאַנדאַטן ניט אָפּזאָגן און בלייבן אין שטאָטראַט, כדי ווייטער צו קעמפן פאַר די יידישע רעכט.

---

XIV.

די אינקאָרפּאָראַציע פון ווילנער קאַנט אין פּוילן איז כמעט צוזאַמענגעפאַלן מיט די לעצטע טעג פון סיים אין וואַרשע, וואָס איז אייגנטלעך אַ גרינדונגס-סיים, וועלכער האָט אויסגעאַרבעט די קאָנסטיטוציע פון דער פּוילישער רעפּובליק און די וואַל-אָרדינאַציע פאַרן נייעם סיים. אָט די דאָזיקע אָרדינאַציע וועט האָבן אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דעם צוזאַמענשטעל פון דעם קומענדיקן סיים און מיט דעם אויך אויף דער גאַנצער פּאָליטיק פון לאַנד. די תקנות, האָבנדיק אין אויסזיכט צו שאַפן אין סיים גרויסע פּאַרטייען און אַ פעסטע מערהייט, זיינען זייער אומגינסטיק פאַר די קלענערע גרופּן, נאַציאָנאַלע מינדערהייטן און דער שטאָטישער באַפעלקערונג, דער עיקר פון די ראַנדגעביטן. צו מערסטן וועלן פון דער וואַל-אָרדינאַציע זיין באַעוולט די יידן, סיידן דער געפּלאַנטער בלאָק פון אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין פּוילן וועט פאַרריכטן כאָטש וויפיל ניט איז די עוולה, און די יידן וועלן באַקומען כאָטש אַ פּאָר צענדליק דעפּוטאַטן, אין דער צייט, וואָס לויט זייער פּראָפּאָרציע אין לאַנד האָבן זיי געדאַרפט האָבן 59 ביז 65. ס'פאַרשטייט זיך, אַז דער צוזאַמענשטעל פון נייעם סיים קען ווירקן אויף דער גאַנצער פּאָליטיש-רעכטלעכער און עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידן אין פּוילן בכלל און אין ווילנער קאַנט בפרט. (14%—15)

דערווייל, ניט קוקנדיק אויף דעם, מערקט זיך ניט וועלכער ס'איז ערנסטער אינטערעס מצד דער יידישער באַפעלקערונג צו די וואַלן. די פּוילישע פּאַרטייען, פאַרקערט, האָבנדיק אַלע מעגלעכקייטן און דעם גאַנצן אַפּאַראַט פון פּראָפּאַגאַנדע, מאַכן שוין גרויסע הכנות, דער עיקר אין דער פּראָווינץ, כדי צוצוגרייטן דעם באָדן אויף דורכצופירן אַ גענוגנדיקע צאָל נאַציאָנאַליסטישע עלעמענטן.

אין ווילנע גופא רופן אַרויס גרעסערע אויפמערקזאַמקייט די פאָרשטייענדיקע וואַלן אין דער פאַרוואַלטונג פון דער קראַנקנקאַסע. דאָס איז איינער פון די אינסטיטוטן, וואָס ווילנע האָט באַקומען נאָך איידער זי איז פאַראייניקט געוואָרן אָפיציעל מיט פּוילן. לויטן געזעץ, איז יעדער אינדוסטריעלער אונטערנעמער, בעל-הבית, אפילו יעדע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע מחויב צו פאַרשרייבן די באַצאָלטע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אַלס מיטגלידער אין דער קראַנקנקאַסע. 3,6% פון זייער געהאַלט צאָלט דער אונטערנעמער און 2,4% ווערט געצאָלט אויפן רעכענונג פון די מיטגלידער גופא, דאָס גיט דער קראַנקנקאַסע אַ גרויסע הכנסה, אַדאַנק וועלכער זי האָט די מעגלעכקייט צו עפענען אין שטאָט אַ היבשע צאָל אַמבולאַטאָריעס אויף אַלע ספּעציאַליטעטן און אָרגאַניזירן מעדיצינישע הילף פאַר אירע מיטגלידער אין דער היים, אין שפּיטאָלן, אפילו אין סאַנאַטאָריעס און קוראָרטן. אַחוצדעם צאָלט די קאַסע אין פאַל פון קראַנקהייט 60% פון

געהאַלט אין משך פון 3 חדשים און קאָמפּעטאָרינס פאַר צוויי חדשים נאָכן געלעגן ווערן.

ס׳פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזאַ גרויסן פאַרנעם האָט די קראַנקנקאַסע אַ גרויסע באַדייטונג אין דעם לעבן — הן פון די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, הן פון מעדיציניש פּערסאָנאַל. אמת, אין ווילנע איז ניט געווען קיין שאַרפע אַגיטאַציע קעגן דער קראַנקנקאַסע מצד די דאָקטוירים (ווי דאָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע), אָבער פון אינעווייניק, פאַרשטייט זיך, האָט געמוזט פאָרקומען אַ קאָנקורענץ ביים פאַרנעמען אַ ריי נייע שטעלן פאַר דאָקטוירים און מיטל-מעדיציניש פּערסאָנאַל. אין דעם דאָזיקן קאַמף האָבן די הויפּט-דעה געהאַט די נאַציאָנאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (יידישער דאָקטוירים-פאַראיין), וועלכע האָבן געפאָדערט, אַז צווישן דעם פּערסאָנאַל זאָלן די יידן באַקומען שטעלן אין דער גרייס פון 36%. די אָנפירנדיקע ראָלע אין דער קראַנקנקאַסע געפינט זיך דאָך ביי די פּאָליאַקן, ווי אין אַ מין מלוכה-אַנשטאַלט; די יידישע שפּראַך ווערט דאָרטן פאַרפאָלגט, און די גאַנצע באַפירונג קומט פאָר אויף פּויליש. אין דער לעצטער צייט מערקט זיך אַ טענדענץ ביסלעכווייז אַרויסצושטופּן פון דער קראַנקנקאַסע די יידישע דאָקטוירים.

אָבער די אָנפירונג פון דער קראַנקנקאַסע הענגט אייגנטלעך אָפּ פון דער פאַרוואַלטונג, וועלכע דאַרף ווערן געקליבן פון אַלע מיטגלידער, און דעריבער פון דעם רעזולטאַט פון די פּאָרשטייענדיקע וואַלן הענגט אָפּ דער גאַנצער כאַראַקטער פון דער ווייטערדיקער אַרבעט פון דער דאָזיקער וויכטיקער אינסטיטוציע.

דאָס רוב מיטגלידער פון דער קראַנקנקאַסע, ווי געזאָגט, באַשטייט פון די מיטגלידער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, די דאָזיקע פאַראיינען זיינען דאָס רוב נאַציאָנאַלע, ד. ה. פּוילישע און יידישע באַזונדער, אָבער אַלע גייען זיי אַריין אין איין צענטראַל ביוראָ (צ. ב.), אין וועלכן ס׳קומען פאָר שטענדיקע קאַמפן, און סיכסוכים. פון איין זייט — די פּ. פּ. ס., וועלכע ווילן האָבן שטענדיק די אייבערהאַנט, פון דער אַנדערער זייט די לינקערע וועלכע זיינען מער נוטה צו די קאָמוניסטן (ביי די יידן רופן זיי זיך „מאַרקסיסטן״), און פון דער דריטער זייט — די רעכטערע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. צווישן די פּוילישע און יידישע מיטגלידער קומען פאָר סיכסוכים אויפן באָדן פון נאַציאָנאַלע פראַגן (שפּראַך א. ד. גל.), צווישן די ביידע יידישע ריכטונגען — אויפן באָדן פון „לינקייט״ און „ריינקייט״; ד. ה. די מאַרקסיסטן וואַרפן שטענדיק אויף די בונדיסטן, אַז זיי גייען צוזאַמען (למשל אין דער שול-פראַגע) מיט די „בורזשואַזע״ דעמאָקראַטן.

ניט קוקנדיק אויף דעם אַלעם בלייבט דער צ. ב. דער טאָן געבער פון דער גאַנצער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין ווילנע. נאָך דער אינקאָרפּאָראַציע פון קאַנט, איז ניט לאַנג פאָרגעקומען אַ דעלעגאַטן-צוזאַמענפאָר פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון גאַנץ פּוילן, און דער ווילנער צ. ב. איז אָפיציעל אַריין אַלס אַ אַ טייל פון אַלפּוילישן פּראָפעסיאָנעלן פאַרבאַנד.

אום צו געבן אַ ריכטיק בילד פון ווילנער פּראָפעסיאָנעלן לעבן, דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז אין דער צייט, וואָס בלויז אַ מינדערהייט פון די פּוילישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע גייען אַריין אין צ. ב., און דאָס רוב באַציט זיך צו אים נעגאַטיוו און געפינט זיך אונטערן איינפלוס פון אַנדערע קלעריקאַלע אָרגאַניזאַציעס (דערהויפּט די אַרבעטער-ליגע פון הייליקן קאַזימיר), זיינען די יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע (בתוכם דער יידישער לערער-פאַרבאַנד און דער מיטל-מעדיצינישער פאַראיין) אינגאַנצן אונטער דער השפּעה פון צ. ב.

פון די איבעריקע יידישע דעמאָקראַטישע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע גייען, פאַרשטייט זיך, ניט אַריין אין צ. ב.,



דאַרפן דערמאָנט ווערן די פאַראיינען פון די **האַנטווערקער** — און פון די **קליינהענדלער**.

דער האַנטווערקער-פאַראיין עקסיסטירט שוין אין ווילנע בערך 6 יאָר, ציילט אייניקע טויזנט מיטגלידער און נעמט אַריין אין זיך כמעט אַלע ווילנער האַנטווערקער. ער איז פולקום אומפּאַרטייאיש (דאָ זיינען דאָ דעמאָקראַטן, ציוניסטן, אפילו אָרטאָדאָקסן), האָט אַן אייגענעם לייענזאַל, אַן אייגענע קראַנקנקאַסע, אַ קליינעם פּראָדוציר-פאַראיין און אַ לאַגער פאַר רויוואַרג.

די יידישע באַנק (ליי- און שפּאָר-קאַסע) שטיצט די האַנטווערקער מיט קרעדיט אין אַ היבשער מאָס, כדי זיי צו העלפן אויפבויען די וואַרשטאַטן. ביי גרעסערער איניציאַטיוו און הילף מצד דער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט וואָלט דער האַנטווערקער-פאַראיין האָבן נאָך אַ גרעסערע באַדייטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער מלאכה.

דער קליינהענדלער-פאַראיין איז ווייניקער באַוואוסטזיניק און מער פאַרשוואומען, ווי דער האַנטווערקער-פאַראיין. רייסנדיק זיך שטענדיק צו זיין זעלבשטענדיק, איז ער דאָך ניט ווילנדיק אַלעמאָל געגאַנגען אויפן בוקסיר נאָכן סוחרים-פאַראיין. נאָר אין דער לעצטער צייט, בעת דער סוחרים-פאַראיין, אין וועלכן ס׳גייען אַריין אויך די קליינהענדלער, האָט געעפנט אַ באַנק, וועלכע ברענגט פּראָפיט בלויז דער גרויס אינדוסטריע און גרויסע פאַרדינסטן די אַקציאָנערן, האָבן זיך די קליינהענדלער ענדגילטיק אָפּגעטיילט און געעפנט אַן אייגענע באַנק, וואָס הייבט זיך ערשט אָן צו אַנטוויקלען. דער פאַראיין האָט אויך בדעה צו עפענען אַן אייגענע קראַנקנקאַסע, ווי די האַנטווערקער, אָרגאַניזירן לעקציעס פאַר זיינע מיטגלידער א. ד. גל., — אויך דעם דאָזיקן פאַראיין בעסער צו אָרגאַניזירן — איז דער חוב פון דער יידישער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ.

פאַרקערט די יידישע גרויסע סוחרים און אינדוסטריעלער זיינען גענוג גוט אָרגאַניזירט. דער סוחרים-פאַראיין האָט געבילדעט אַ בוררים-געריכט, וועלכער פאַרנעמט אַ באַדייטנדן אָרט אין ווילנער סוחרישן לעבן. ער שיקט זיינע מיטגלידער אין מלוכישן עקאָנאָמישן ראַט, זאָרגט צו רעקלאַמירן די גרויסע שטייערן, וואָס די מלוכה לייגט אַרויף אויפן האַנדל און האָט אין שטאָטראַט זיינע 3 מיטגלידער (פון 14 יידישע ראַטמענער), בעת די יידישע הויזבאַזיצער איז ניט געלונגען דורכצופירן קיין איינציקן.

---

מיט דער דאָזיקער איבערזיכט איז מיר אפשר געלונגען צו געבן אַן אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פון יידישן לעבן אין ווילנע פאַר די לעצטע 3—4 יאָר. איך האָב זיך באַמיט צו געבן אַן אָביעקטיוון איבערבליק איבער אַלעם דעם, וואָס איך געדענק, און אין וואָס איך האָב פּערזענלעך גענומען אַ דירעקטן אָדער אומדירעקטן אָנטייל. קיינע מאַטעריאַלן האָב איך ביים שרייבן ביי זיך ניט געהאַט. דעריבער קען זיין, אַז אַ טייל פון מיינע פאַרצייכענישן טראָגט אַ כאַראַקטער פון זכרונות, און אַ סך וויכטיקע מאָמענטן פון ווילנער געזעלשאַפטלעכן לעבן זיינען בכלל דורכגעלאָזט. איז אָבער דען מעגלעך, אַרומצונעמען אין איין אַרטיקל דאָס גאַנצע פאַרשיידנאַרטיקע און רייכע לעבן, וואָס די יידישע ווילנע האָט דורכגעמאַכט פאַר די לעצטע עטלעכע היסטאָרישע יאָרן?

ד״ר צ. שאַבאַד.

אווגוסט 1922.

ד"ר יעקב וויגאָדסקי.

# ווילנע אין וועלט=קריג.*)

.I

די גערעטעניש אויף תּבואה, באַזונדערס אויף קאַרטאָפל, איז אין דייטשלאַנד אין יאָר 1916 געווען זייער אַ שלעכטע. ווי באַוואוסט, קען דייטשלאַנד אַפילו אין אַ געוויינלעכער צייט ניט שפּייזן זיך פון איר אייגן ברויט זאָגאַר ביי אַ גלענצענדער גערעטעניש, על אַחת כּמה וכּמה איז דאָס איר שווער געווען ביי דער אומבּרחמנותדיקער ענגלישער בלאָקאַדע, וועלכע האָט געמאַכט לחלוטין אוממעגלעך דעם צופיר פון פּראָדוקטן; וואָס איז שוין דער וואונדער, אַז דער כּאַנטאָם פון הונגער, וועלכער האָט שוין פון יאָר 1915 געדראָט גאַנץ דייטשלאַנד און אויך די אָקופּירטע געביטן, האָט אין יאָר 1916 אָנגענומען שאַרפע, רעאַלע פאָרמען.

נעמענדיק אין אַכט די קאַרגע שפּייז=זאַפּאַסן אין דייטשלאַנד, ווי אויך דאָס, וואָס זי האָט געדאַרפט פירן אַ מלחמה שיר ניט קעגן דער גאַנצער וועלט, מוז מען באַוואונדערן דעם אָרגאַניזאַטאָרישן געניוס פון די דייטשן, וועלכע האָבן באַוויזן, אמת מיט גרויס מי און מיט אומגעהייערע אָנשטרענגונגען, אויסצוהאַלטן די שווערע צייט. די דייטשן האָבן ניט פאַרמאַכט די אויגן פאַר דער טויט=סכּנה, וואָס האָט געשוועבט איבער זייערע קעפּ און געדראָט זייער קיום אַלס נאַציע און זיי האָבן זיך ווי ווייט מעגלעך אָנגעשטרענגט, צו דערציען ביז דער נייער גערעטעניש.

ביי אַזעלכע תּנאים איז ניט געווען און ס'האָט אויך ניט געקענט זיין קיין רייד וועגן דערנערן אַלעמען צו זאַט; די הויפּטזאָרג איז געווען נאָר וועגן דעם, ווי אַזוי די קנאַפּע שפּייז=זאַפּאַסן אין לאַנד זאָלן, נאָך דעם, ווי ס'וועלן באַפרידיקט ווערן די דרינגלעכסטע באַדערפענישן פון דער אַרמיי, מער אָדער ווייניקער ריכטיק פאַרטיילט ווערן צווישן דער פרידלעכער באַפעלקערונג. ביי דער געשאַפענער לאַגע איז נייטיק געווען אונטערצוהאַלטן די דערנערונג פון די פאָלקסמאַסן אויף אַזוי פיל, אַז זיי זאָלן, הגם אין דחקות, כאָטש ווי ניט איז דערציען ביז דער נייער גערעטעניש; די דערנערונג פון די פאָלקסמאַסן איז אין תּוך געווען זייער ניט גענוג, דערהויפּט איז זייער אָרים געווען די דערנערונג פון די מאַסן אין דעם אָבעראָסט=געביט בכלל און אין ווילנער גוב. בפרט.

אין ווילנע, וואו די אַרבעטסלאָזיקייט און דער אַלגעמיינער חורבן, וואָס די מלחמה האָט גורם געווען, האָט זיך שטאַרק געלאָזט פילן, האָט מען געמוזט באַנוגענען זיך מיט 250 גראַם ברויט אַ טאָג און מיט אַ, אימשטיינס געזאָגט, מיטאָג ערגעץ אין אַ ביליגער פאָלקסקיך; דער מיטאָג איז באַשטאַנען פון אַ זופּ, וואָס האָט אין בעסטן פאַל אַנטהאַלטן 60—70 גראַם גרויפּן, גאַנץ אָפט אָבער איז דער סכום גרויפּן אין אַ פּאָרציע געווען ניט מער פון 32—35 און אַפילו 25 גראַם, די נאַרהאַפטיקייט פון אַזאַ זופּ איז געווען, פאַרשטייט זיך, זייער אַ נישטיקע. אַזאַ מין אַכילה האָט געקאָסט דעם אָרימאַן דורכשניטלעך 20 פּעניג (אומגעפער 10 קאָפּ.). דער

*) די דאָזיקע זכרונות האָב איך געשריבן אין יאָר 1917 (אין די פרילינגס-חדשים— אפּריל, מאַי, יוני), זיצנדיק אין טורמע אין טשערסקער לאַגער פאַר געפאַנגענע, וואוהין כ'בין פאַרשיקט געוואָרן פאַר קעמפן קעגן דער דייטשער הפקרות אין ליטע. היות ווי דאָס „שרייבן" בכלל איז אין לאַגער געווען שטרענג פאַרבאָטן, בין איך געצוואונגען געווען אַ סך פון מיינע נאָטיצן וועכער מאַכן און מכּוח אַ סך זאַכן לגמרי פאַרשווייגן.



סכום קאַלאָריומס, וואָס דער אָרגאַניזם האָט באַקומען פון אַזאַ דערנערונג, איז געווען ניט מער פון 1000, בשעת ווען צו דערהאַלטן דעם אָרגאַניזם אין צושטאַנד פון רו פאָדערט זיך ניט ווייניקער פון 2000 קאַלאָריומס.

אין דעצעמבער 1916 איז אַפילו אָט דער נישטיקער סכום שפּייז נאָך מער פאַרמינערט געוואָרן. די דייטשע מאַכט האָט ערקלערט די פאָרשטייער, וועלכע זיינען געשטאַנען בראש פון די פּוילישע פאָלקסקיכן (גראַף לובענסקי) און פון די יידישע (ד"ר י. וויגאָדסקי), אַז צוליב דעם מאַנגל אין לעבנסמיטלען זיינען זיי געצוואונגען, פאַר יעדער פּאָרציע זופּ, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פאַר די אומפאַרמעגלעכע אין די קיכן, אַראָפּצונעמען איין אַכטל פון זייער טעגלעכן ברויט=ראַציאָן.

דער ענערגישער קאַמף, וואָס מיר האָבן אָנגעפירט קעגן דער גזרה, האָט, ליידער, ניט געהאָלפן און די גזרה איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. דער פּועל=יוצא דערפון איז געווען, אַז די שטערבלעכקייט פון דער ווילנער באַפעלקערונג, באַזונדערס פון יידישן טייל, וואָס האָט פון סעפּטעמבער 1916 אָן אָנגעהויבן געשווינט און געפערלעך צו וואַקסן, האָט פאַר דעצעמבער געגעבן אַ באַזונדערס הויכן שפּרונג... באַלד האָט זי דערגרייכט אַ ציפער פון 60 פּראָמיל פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג און פאַר דער יידישער איז זי לגבּי דער נאָרמע פון שלום=צייט אויסגעוואַקסן אין 5 מאָל. ס'איז אָבער ניט פאַרביי קיין 3 חדשים אַפילו, ווי דער מאַנגל פון ברויט האָט געצוואונגען די דייטשן איינצופירן אַ צווייטע באַגרעניצונג פאַר די אָרימע פאָלקסמאַסן. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן פון די 250 גראַם ברויט, וואָס יעדערער האָט געדאַרפט באַקומען אויף זיין ברויט=קאַרטע, אַרויסצוגעבן בלויז 150 גראַם אויפן אַלטן פּרייז צו 18 פּעניג אַ פונט און די איבעריקע 100 גראַם אַרויסגעבן צום פּרייז פון 60 פּעניג אַ פונט. דורכן פאַרטייערן די 100 גראַם האָט מען געוואָלט ווירקן אויף די אָרימע מאַסן, וועלכע האָבן אַזאַ פּרייז ניט געקענט צאָלן, אַז זיי זאָלן זיך ווענדן אין די קיכן, וואו מ'האָט זיי מער אָדער ווייניקער מפצה געווען מיט אַ פּאָרציע, וואָס איז באַשטאַנען פון 2 טעלער זופּ מיט אַ געהעריקן קוואַנטום גרויפּן, בעבלעך, אַרבעס, לינזן א. אַנד. געוויינטלעך אָבער האָט מען געגעבן אַ האָבערנעם זופּ. אויף אַזאַ אופן איז פון דעם אָרימאַן זיין צאָל קאַלאָריומס כּלומרשט ניט געמינערט געוואָרן, אָבער אַדאַנק דעם קונץ האָט מען באַקומען די מעגלעכקייט איינצושפּאָרן אַ היבשן סכום ברויט, וואָס די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט געברויכט, פאַרבייטנדיק אים מיט האָבער, וועלכער איז אין דייטשלאַנד געווען לפי=ערך גערעכטן.

דער מיטל האָט אַרויסגערופן גרויס אומצופרידנקייט אין די ברייטע פאָלקסמאַסן, וועלכע זיינען געוואוינט געווען צו געברייכן מער ברויט. דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות איז ניט איינמאָל אַרויסגעטראָטן קעגן דער פאַרמינערונג פון ברויט=ראַציאָן. צום באַדויערן האָט ער געפועלט בלויז איניקע טעכנישע פאַרלייכטערונגען ביי דער פּראַקטישער פאַרווירקלעכונג פון דעם מיטל. אָפּצושאַפן דעם מיטל גופא איז אים ניט געלונגען.

דער איניציאַטאָר פון דער גזרה—דער שעף פון דער דערנערונגס=אָפּטיילונג אָבערלייטענאַנט פּאָגפּיק, ווי אויך די אַנדערע מאַכט=אָרגאַנען האָבן אַפילו ניט געוואָלט הערן וועגן בטל

מאַכן זי. דאַן האָבן מיר אויף אַ זיצונג פון דער אינפאָרמאַציאָנס=
געזעלשאַפט, וועלכע איז קירצלעך פאַר דעם געעפנט געוואָרן,
באַשלאָסן אויסצואַרבעטן אַ מעמאָראַנדום און ווענדן זיך מכוח
דעם אין נאָמען פון דער גאַנצער באַפעלקערונג צו דער העכערער
דייטשער מאַכט מיט אַ ענערגישן פּראָטעסט. לײדער איז מיר
שוין ניט אויסגעקומען צו פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן, ווייל באַלד
נאָכדעם, ד. ה. דעם 13=טן מערץ, בין איך פּלוצלונג געוואָרן
אַרעסטירט און פאַרשיקט אין באַוואוסטן לאַגער פאַר געפאַנגענע
אין טשערסק (אין מערב=פּרייסן)...

איינער פון די מאָטיוון, פאַרוואָס די דייטשן האָבן באַשלאָסן
אָפּראַמען מיך פון וועג, אַרויסצושיקן פון דעם קאַנט און
אינטערנירן אין אַ לאַגער, איז געווען אַגב דאָס, וואָס איך האָב
זיך ערלויבט אומאויפהערלעך אַרויסצוטרעטן קעגן דער העכערער
דייטשער מאַכט פאַר איר פּאָליטיק אויסצומאָרען די באַפעלקערונג
און אַרויסצופירן אונזערע לעבנסמיטלען קיין דייטשלאַנד.

---

## II.

ווען די באַפעלקערונג וואָלט געדאַרפט לעבן בלויז פון
די 250 גראַם ברויט און פון די, אימשטיינס געזאָגט, זופּן,
וועלכע מ׳האָט אַרויסגעגעבן אין די ביליקע קיכן צום פּרייז
פון 7—10 פעניג פאַר אַ פּאָרציע, וואָלט זי שוין לאַנג געדאַרפט
אויסשטאַרבן, ווייל דער טעגלעכער דעפיציט פון די פאַרן אָרגאַ=
ניזם נייטיקע קאַלאָריומס איז צו גרויס געווען, אַז דער אָרגאַ=
ניזם זאָל קענען זיך לאַנג ווערן קעגן דעם דראָענדיקן הונגער=
טויט. כדי צו ראַטעווען זיך פון דער געפערלעכער לאַגע האָט
די באַפעלקערונג גופא אָנגעווענדט אַלע מיטלען צו פאַרגרעסערן
דעם סכום דערנערונגס=פּראָדוקטן פאַר איר טעגלעכן געברויך
דורך צוקויפן זיי מין הצד. הגם די דייטשן האָבן סעקוועסטרירט
דאָס גאַנצע ברויט אין לאַנד און שטרענג פאַרבאָטן דעם פּריוואַטן
פאַרקויף פון ברויט, האָבן די פּויערים פונדעסטוועגן באַוויזן
אויסצובאַהאַלטן פון די דייטשן אַ גרויסן טייל פון זייערע זאַפּאַסן,
וועלכע זיי האָבן בשתיקה פאַרקויפט פּריוואַטע פּערזאָנען, רייסנ=
דיק דערביי אַ פּאַס. דער סכום פון די באַהאַלטענע זאַפּאַסן איז
געווען באַזונדערס גרויס ביי די ליטווישע פּויערים אין די יאָרן
1915—1916, ד. ה. אין דעם ערשטן יאָר פון דער דייטשער
ממשלה אין ליטע, ווען די ענגלישע בלאָקאַדע איז נאָך ניט געווען
אַזוי שטרענג.

דערפאַר אָבער אין 1916—1917, בשעת מ׳האָט שוין
ניט געקענט מער באַהאַלטן דעם דייטשן הונגער, הגם זי פּאַטרי=
אָטיש=געשטימטע דייטשן האָבן געדולדיק און כמעט אָן תּרעומות
אַריבערגעטראָגן אַלע יסורים,—האָט די דייטשע מאַכט זייער
שטרענג גענומען נאָכשפּירן די פּויערים; מיט דער הילף פון
ספּעציעל דערצו דרעסירטע הינט זיינען דורכגעפירט געוואָרן
רעוויזיעס—און די פּויערשע זאַפּאַסן האָבן אָנגעהויבן געשווינט
אויסצונעמען זיך. אויסער דעם האָבן די דייטשן געוואָרפן אַן
אויג אויף דעם ספּעציעלן מין „פּודנטרעגער“, וועלכע פלעגן פון
ווילנע אַוועקלאָזן זיך אין פאַרשיידענע דערפער פון ווילנער און
קאָוונער גוב. איינצוקויפן דאָרט שפּייז=פּראָדוקטן אומגעפער ביי אַ
פּוד, וועלכע זיי האָבן אויף זיך געשלעפּט אין שטאָט אַריין, כדי
צו פאַרקויפן צו הויכע פּרייזן. די דאָזיקע אָרימע „פּודנטרעגער“
סיי מאַנסביל, סיי פרויען, פלעגן זייערע נסיעות דאָס רוב מאַכן
צופוס. ווי שטאַרק די „פּודנטרעגער“ האָבן ניט אויפגעשרויפט די
פּרייזן אויף די פּראָדוקטן, האָבן זיי דאָך אַ גרויסע טובה געבראַכט
דער ווילנער באַפעלקערונג און דערצו נאָך האָט אַ גרויסער טייל
אָרימעלייט באַקומען די מעגלעכקייט דורך דעם „מסחר“ מפרנס
צו זיין זיך. ניט קוקנדיק אויף אַלע פאַרבאָטן און שטרענגקייטן
זיינען דאָך די דייטשן ניט ביכולת געווען אינגאַנצן אויסצוראָטן



דעם מסחר פון די „פּודנטרעגער“, וועלכע האָבן זיך געקליגט
אַריינצופירן אין שטאָט „קאָנטראַבאַנדע“. אמת טאַקע, זיי האָבן
שוין אַריינגעפירט אַ סך ווייניקער, ווי פריער און דער יקרות
איז צוליב דעם נאָך מער געוואַקסן, אָבער די שטאָט האָט אַדאַנק
זיי דאָך געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקומען לעבנסמיטלען אין
אַ סך אַ גרעסערן קוואַנטום, איידער די דייטשן האָבן געגעבן.

אויף אַזאַ אופן איז דער דאָרף, וואו דער מאַנגל אין
פּראָדוקטן האָט זיך געפילט אַ סך ווייניקער, געקומען צו הילף
דער הונגעריקער שטאָטישער באַפעלקערונג, אמת טאַקע צוליב
אייגננוציקע כוונות.

די שטרעבונג פון די דייטשן יושרדיק צו פאַרטיילן דער
באַפעלקערונג די דערנערונגס=פּראָדוקטן, באַזונדערס ברויט, האָט
געהאַט אַ געוויסן ערפאָלג בלויז אין די גרויסע שטעט; די דער=
פער און אַפילו די קליינע שטעטלעך סיי אין דייטשלאַנד און סיי
אין אונזער געגנט זיינען געווען עד בלי די, און ערטערווייז אַפילו
מיט אַ איבערפלוס, באַזאָרגט מיט שפּייז=פּראָדוקטן און די פּרייזן
דאָרט זיינען געווען אַ סך מעסיקער ווי אין שטאָט.

נאָך דעם אויבנגעזאָגטן וועט שוין זיין פאַרשטענדלעך, פאַר=
וואָס מיר אַלע, די, וואָס האָבן זיך באַמיט צו פאַרקלענערן די
נויט פון דער ווילנער באַפעלקערונג, האָבן אַלע כוחות אָנגעווענדט
צו פּועלן ביי די דייטשן אַן ערלויבעניש אַריינצופירן פּראָדוקטן
פון דאָרף אין שטאָט אַריין. צום באַדויערן איז אונז אַזאַ ערלוי=
בעניש געלונגען צו באַקומען נאָר פון אָנהייב, אי דאָס זיינען די
פּראָדוקטן, וואָס אונזערע באַפולמעכטיקטע האָבן פון דאָרף אין
שטאָט אויף אַריינפירשיינען געבראַכט, גאַנץ אָפט רעקווירירט גע=
וואָרן דורך דער אויסערשטאָטישער און אויך שטאָטישער פּאָליציי.
אינגיכן האָבן מיר באַמערקט, אַז אונזערע באַפולמעכטיקטע שפּירט
מען נאָך, און דווקא אין יענע מקומות, וואו זיי האָבן געמאַכט
קניות פון מעל און גרויפּן, זיינען באַלד דורכגעפירט געוואָרן
שטרענגע רעוויזיעס דורך די אָרטיקע זשאַנדאַרמען.

קירצלעך האָט זיך ביי די דייטשן אָרגאַניזירט אין ווילנע
אַ גאַנצער דערנערונגס=דעפּאַרטאַמענט („לעבנסמיטל=אָפּטיילונג“),
וועלכער האָט געהאַט זיינע פאַרצווייגונגען איבער דער גאַנצער
געגנט. די אָפּטיילונג האָט אַרויסגעגעבן שיינען אויף אַריינצופירן
לעבנסמיטלען פאַר די וואוילטעטיקע אַנשטאַלטן, ווי למשל פאַר
די פאָלקסקיכן, אינטערנאַטן, קאָאָפּעראַטיוון וכדומה. נאָר היות
ווי ביים אַריינפירן די פּראָדוקטן אין שטאָט, האָט די דערנערונגס=
אָפּטיילונג געמוזט געניי אינפאָרמירט ווערן וועגן דעם איכות און
כמות פונם אַריינגעפירטן, פלעגט זי גאַנץ פּינקטלעך אין יעדן
פאַל באַזונדער פאַרצייכענען ביי זיך, אַז די געהעריקע אַנשטאַלט
האָט אַריינגעפירט מן החוץ אַזאַ און אַזאַ סכום פּראָדוקטן, כדי
דערנאָך ביים אַרויסגעבן פּראָדוקטן פאַר די אַנשטאַלטן אַראָפּ=
רעכענען דעם באַטרעפנדיקן סכום פון דער נאָרמע. אין רעזול=
טאַט האָבן די דאָזיקע אַנשטאַלטן קיין זאַך ניט געוואונען פון די
אַריינגעפירטע פּראָדוקטן.

באַקומענדיק אַזעלכע נישטיקע רעזולטאַטן אין דעם ענין
פון אַריינפירן לעבנסמיטלען פון דאָרף אין שטאָט, האָב איך
אָנגעהויבן משתדל צו זיין זיך ביי די דייטשן וועגן אַ פרייען
אַרויספאָר פון שטאָט פאַר די ווילנער אַיינוואוינער. אויף אַזאַ
אופן וואָלט זיך אַיינגעגעבן, ווי מיר האָט זיך דאַן געדוכט, „אויס=
צולאָדן“ אַ ביסל די שטאָט, און ניט נאָר די אָרימע, נאָר אַפילו
די באַמיטלטע וואָלטן באַקומען די מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן אין
די דערפער און שטעטלעך, וואו דאָס לעבן האָט געקאָסט אַ סך
ביליגער און וואו אויף אַרבעט איז נאָך געווען אַ נאָכפרעג.
דער דאָזיקער פרייער אַרויספאָר פאַר די ווילנער אַיינוואוינער
וואָלט זיכער געבראַכט זייער גינסטיקע רעזולטאַטן פאַר דער
אַנטוויקלונג פונם אָרטיקן מסחר, וועלכער האָט איבערגעלעבט

אַ שטיל שטאַנד. דורכצופירן אַזאַ מין „אויסלאָדונג״ איז געלונגען קודם=כל בנוגע היימלאָזע. די צאָל בלויז פון יידישע היימלאָזע האָט צו יענער צייט, ווען ווילנע איז אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן, דערגרייכט ביז 22 טויזנט מאַן; אויב מ׳זאָל צוגעבן צו דער צאָל די 10 טויזנט קריסטלעכע היימלאָזע, וועט זיך באַקומען אַ ציפער פון 32 טויזנט מאַן, וועלכע זיינען געלעגן ווי אַ שווערע משא אויף די אָרטיקע וואוילטעטיקע אַנשטאַלטן, ווייל די לעצטע האָבן געהאַט אין זייער רשות לפי=ערך קליינע מיטלען. ביסלעכווייז אין משך פון 1 יאָר איז געלונגען כמעט אינגאַנצן אויסצולאָדן די שטאָט פון די היימלאָזע. פון די קריסטלעכע היימלאָזע איז צום סוף יאָר כמעט קיינער ניט געבליבן; פון די יידישע היימלאָזע אָבער איז צו יענער צייט איבערגעבליבן נאָך אַ 5000 מאַן.

אין משך פון די ווייטערדיקע 4—5 חדשים איז געלונגען פון די איבערגעבליבענע יידישע היימלאָזע צו עוואַקואירן נאָך אַן ערך 4000 מאַן. דאָס רעשט פון אַ 1000 היימלאָזע, וועלכע זיינען נאָכדעם איבערגעבליבן אין שטאָט, האָט ניט געקענט עוואַקואירט ווערן, ווייל זיי זיינען אַנטלאָפן פון די מקומות, וועלכע זיינען אָדער אינגאַנצן חרוב געוואָרן פון דער מלחמה׳ אָדער זיינען געלעגן ביים סאַמע פראָנט.

אויב דורכדעם איז סוף=כל=סוף פאָרט געלונגען כמעט אינגאַנצן באַפרייען ווילנע פון היימלאָזע, קען מען, ליידער, דאָס זעלבע ניט זאָגן בנוגע די היגע אָרימעלייט און די אַרבעטסלאָזע, וועלכע זיינען געבליבן אָן שום מיטלען. אַלע פּראָבן צו עוואַקואירן זיי האָבן זיך יעדעס מאָל אָנגעשטויסן אויף אומגעהייערגרויסע מניעות, דער=עיקר מצד דער דייטשער מיליטערישער מאַכט, וועלכע האָט זיך געשראָקן פאַר שפּיאָנאַזש ערגער ווי פאַר פייער. הגם ווילנע האָט זיך גערעכנט פאַר אַ צענטער פון דער פאַרוואַלטונג אינם „נאַקן״ פון דער אַרמיי, איז זי דאָך אין דערווירקלעכקייט אַזוי נאָענט געווען צום קריגס=פראָנט, אַז געשיקטע און באַהאַוונטע פּערזאָנען האָבן געקענט, אַרויספאָרנדיק פון שטאָט, אַרויסגעבן וויכטיקע מיליטערישע סודות. אָט דערפאַר האָבן מורא געהאַט די דייטשן, זיי האָבן דערום זיך באַמיט ווי ווייט מעגלעך קיינעם ניט אַרויסצולאָזן פון שטאָט...

נאָך די היימלאָזע האָבן מיר אָנגעשטרענגט אַלע אונזערע כוחות צו פּועלן פאַר די אַרבעטסלאָזע בעלי=מלאכות און אַרבעטער דאָס רעכט אַרויסצופאָרן אין דייטשלאַנד אָדער לכל הפחות אין דעם אָקופּירטן געביט. צום באַדויערן האָבן אַלע באַמיאונגען, סיי פון מיר אַליין, סיי פון אַנדערע געזעלשאַפטלעכע טוער, באַזונדערס פון ד״ר נ. ראַכמילעוויטש, לחלוטין ניט אַנטשפּראָכן די דערגרייכטע רעזולטאַטן. איך דאַרף פונדעסטוועגן ערקלערן, אַז פאַר די יידישע אַרבעטער און בעלי=מלאכות איז געווען אַ סך שווערער אַרויסצורייסן זיך פון ווילנע איידער פאַר די קריסטלעכע אַרבעטער. דער שרייבער פון די שורות האָט אָנגעווענדט אַ סך מי, כדי צו דערגרייכן גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די יידישע אַרבעטער; עטוואָס אין דעם פּרט האָט ער געפּועלט, אָבער פולשטענדיקע גלייכבאַרעכטיקונג איז ער ניט געווען אימשטאַנד אויסצווווירקן. די דייטשע מאַכט האָט ערקלערט איר ניט גלייכע באַציאונג צו די קריסטלעכע און יידישע אַרבעטער מיט אַזעלכע טעמים: ראשית האָבן זיי געטענהט, אַז די יידישע אַרבעטער האָבן ניט באַרעכטיקט זייערע ערוואַרטונגען („ווארַ מאַכטען מיט דען יידישען אַרבייטערן טרויעריגע ערפאַרונגען״). די קוואַליפיצירטע אַרבעטער האָבן, לויט די באַהויפּטונגען פון די דייטשן, זיך אַרויסגעוויזן אַ סך ווייניקער טעכניש צוגעפּאַסט, ווי זייערע דייטשע קאַמעראַדן. אויסער דעם האָבן זיך די יידישע אַרבעטער, לויט זייער מיינונג, אַרויסגעוויזן פאַר פיזיש ווייניקער צוגעפּאַסט איידער זייערע קריסטלעכע חברים און צו שווערער אַרבעט, בפרט אין ערד=גראָבן, לחלוטין ניט מסוגל. ווייטער האָבן די יידישע אַרבעטער געשטרעבט צו דערגרייכן דעם הויכן אַרבעטסלוין, וואָס ס׳באַקומט דער בעסטער דייטשער אַרבעטער, וועלכער האָט צענדליקער יאָרן געאַרבעט אין איין און דערזעלבער פאַבריק, דערביי זיינען די יידישע אַרבעטער כלומרשט נוטה זייער לייכט איינצורייסן מיט זייערע אַרבעטסגעבער, אונטערהעצנדיק אָפטמאָל זייערע חברים צו אַ שטרייק.

דער פאָרזיצער פון דער ווילנער אַרבעטער=בערזע („אַר=בייטער=נאַכווייז״) האָט זיך פאַר מיר באַקלאָגט, אַז די יידישע שמידן און שלאָסער, וועלכע זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד און פוילן, האָבן זיך אַרויסגעוויזן גאָר פאַר שניידער אָדער שוסטער, וועלכע האָבן קיין שום אַנונג ניט אין דער שמידעריי. ווידער האָט זיך פאַר מיר באַקלאָגט אַ הויכגעשטעלטער באַאַמטער, וועלכער האָט געשפּילט אַ אָנגעזעענע ראָלע אין דער דייטשער אַרבעטס=אָרגאַניזאַציע פון דעם אָקופּירטן געביט, — אַז צווישן די יידישע אַרבעטער, וועלכע זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן פון פוילן און צפון=מערבדיקן קאַנט, האָבן זיך געפונען אַזעלכע פּערזאָנען, וואָס האָבן קיין שום שייכות ניט געהאַט צו אַרבעט און האָבן זיך ניט געשעמט ואַגאַר אָנצופירן אויף די פאַבריקן אַ געהיימען האַנדל, כדי צו עקספּלואַטירן זייער אייגענעם ברודער — דעם אַרבעטער.

די אַלע אויבנדערמאָנטע טענות זיינען זייער טיפּיש און מיר איז אויסגעקומען אויסצוהערן זיי אויף טריט און שריט. ס׳איז אין זיי פאַראַן בלתּי ספק אַ קליינער טייל אמת, אָבער גאָר אַ גרויסער טייל... אַנטיסעמיטיזם. וואָרים דער תּמצית פון אַלע אַנטיסעמיטישע באַשולדיקונגען באַשטייט דערין, וואָס אייניקע קאָנקרעטע פאַלן האַלט מען פאַר אַלגעמיינע, מאַכנדיק פון פּרט אַ כּלל, מיטן איינציקן צוועק צו דיסקרעדיטירן אַלע יידן אָדער לכל=הפחות דעם גרעסטן טייל. פונאַנדערקלייבנדיק זיך גאַנץ אָביעקטיוו און מיט ישוב=הדעת אין די יידן=פיינדלעכע בילבולים, האָט זיך כמעט שטענדיק אַרויסגעוויזן זייער גרונדלאָזיקייט, ווייל זיי זיינען אַלע געבויט ניט אויפן קלאָרן שכל און אָביעקטיווער לאָגיק, נאָר בלויז אויפן געפיל, ד. ה. אויפן געפיל פון האַס צו יידן... אַנטקעגן די אויבנגעבראַכטע באַשולדיקונגען קען איך פעסטשטעלן אָט וואָס:

ס׳איז קיין שום ספק ניט, אַז בכלל איז די מדרגה פון דער טעכנישער אויסבילדונג און קענטשאַפט ביי די דייטשע בעלי=מלאכות העכער, ווי ביי די יידישע בעלי=מלאכות פון אָקופּירטן געביט. זי שטייט אָבער יעדנפאַלס ביי די יידישע בעלי=מלאכות ניט נידעריקער, ווי ביי די פּוילישע בעלי=מלאכות פון דעם געגנט. פונדעסטוועגן האָבן זיך די דייטשן אויף די פּוילישע בעלי=מלאכות דאָך ניט באַקלאָגט. ס׳איז אויך קיין ספק ניט, אַז אַ גרויסער טייל, בפרט פון די ליטווישע יידישע אַרבעטער איז צו שווערער פיזישער אַרבעט ווייניקער צוגעפּאַסט, איידער די דייטשן. מ׳קען אָבער בשום אופן ניט פאַרשפּרייטן דעם דאָזיקן כּלל אויף אַלע אָן אונטערשייד יידישע אַרבעטער פון פוילן און ליטע. דאָס, וואָס דער יידישער אַרבעטער שטרעבט צו באַקומען ניט קיין קלענערן אַרבעטסלוין, ווי אַנדערע, באַווייזט נאָר זיין העכערע אַנטוויקלונג.

ווייטער, ווער ס׳האָט צוגעזען די שרעקלעכע נויט, אין וועלכער ס׳האָבן זיך געפונען בעת דער מלחמה דער=עיקר די יידן אין דעם אָקופּירטן געביט, דער וועט פאַרשטיין, ווי גרויס ס׳איז געווען זייער פאַרצווייפלונג, בעת מ׳האָט אָפּגענומען פון זיי דאָס עלעמענטאַרע רעכט צו באַוועגן זיך. וואָס איז דערום דער חידוש, ווען צווישן די יידישע בעלי=מלאכות האָבן זיך אפשר געפונען אַזעלכע, וועלכע זיינען גרייט געווען אָנצוגעבן זיך פאַר וואָס איז=ווילט אין דער וועלט, אַבי אַרויסצורייסן זיך פון דער קלעם. יעטווידערער האָט, פאַרשטייט זיך, קודם=כל געהאַט אין זינען צו

אַנטלויפן פון דעם גהינום און ווייטער—ווי גאָט וועט געבן... אַז צווישן דער גרויסער מאַסע פּערזאָנען, וועלכע זיינען ממש דערשטיקט געוואָרן אין ווילנע און האָבן דערום געזוכט אַ געלעגנהייט דערלייזט צו ווערן פון דאַנען, האָבן געקענט זיין אויך פאַרש־דענע טונקעלע געשעפטסמאַכער, וואָס האָבן קיין שום שייכות ניט מיט אַרבעטער, איז אויך קלאָר גאָר אָן שום ראיות. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס זיינען געווען בלויז מער אָדער ווייניקער זעלטענע אויסנאַמען פון דער גאַנצער יידישער מאַסע אַרבעטסלאָזע, וועלכע האָבן געזוכט אַרבעט און ברויט.

די פּערזאָנען, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער אַרבעטס-אָרגאַניזאַציע אין אָקופּירטן געביט, האָבן מיר פאַרזיכערט, אַז ס׳זיינען געווען פאַלן, ווען גאַנצע פּאַרטיעס יידישע אַרבעטער זיינען כלומרשט צוריקגעשיקט געוואָרן אַהיים דערפאַר, ווייל זיי האָבן צוליב פאַרשיי־ענע סיבות ניט געטויגט צו דער אַרבעט. אַזוי, למשל, זיינען, לויט זייערע ווערטער, צוריקגעקערט געוואָרן אַהיים פון אונטער קעלן און לוקסעמבורג גרויסע פּאַרטיעס פאַרקאָנטראַקטירטע יידישע אַרבעטער.

אַזעלכע פאַלן, אויב זיי זיינען אפילו אין דער אמתן געווען, באַווייזן לחלוטין קיין זאַך ניט. איך וואָלט זיי געקענט אַנטקעגנשטעלן אַ סך פאַקטן, ווען די דייטשן זיינען מיט יידישע אַרבעטער געבליבן העכסט צופרידן—אין טילזיט דהיינו, אין אינסטענבורג און אויף פיל אַייזנבאַן-סטאַנציעס.

ווי ס׳האָט מיטגעטיילט איינער אַ קאָמפּעטענטער ברעסלעווער סוחר, האָבן די יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין די אייבערשלעזישע קוילנגרובן, אַרויסגעוויזן זיך אַלס גוטע און צוגעפּאַסטע אַרבעטער און מ׳האָט זיי זייער גערן אָנגענומען אין די שאַכטעס. איך וואָלט געקענט זייער לייכט ברענגען נאָך אַ סך זייער גינסטיקע מיינונגען און אַטעסטאַציעס וועגן די יידישע אַרבעטער מצד אַ גאַנצער ריי פּערזאָנען און אַנשטאַלטן, אויב איך וואָלט צוגעגעבן אַ באַדייטונג די אַנטיסעמיטישע טעיות. אין דעם דאָזיקן קורצן איבערבליק פון דער נאָענטער שווערער פאַרגאַנגענהייט פון ווילנע וויל איך נאָר אָנווייזן אויף די שוועריקייטן, וואָס מיר האָבן באַגעגנט אין אונזער קאַמף פאַר דער אויסלאָדונג פון דער שטאָט, איבערלאָזנדיק דערווייל אַלע איבעריקע פּרטים אָן אַ זייט.*)

ניט קיין קלענערע מניעה פאַר דער שטרעבונג פון די יידישע אַרבעטער אַרויסצורייסן זיך פון דער פאַרהונגערטער ווילנע האָבן גורם געווען יענע פּילצאָליקע קרייזן פון די דייטשע אינדוסטריעלער גופא, וועלכע האָבן אין זייערע ווענדונגען צום פּאָרזיצער פון דער אָרטיקער דייטשער אַרבעטס-בערזע קאַטעגאָריש געפּאָדערט, מ׳זאָל זיי חלילה ניט שיקן קיין יידישע אַרבעטער... פאַר יעדערן, וואָס איז באַקאַנט מיט דעם ענין, איז קלאָר, אַז אין די דאָזיקע בקשות איז דאָ געווען מער יידנהאַס, איידער די זאָרג וועגן די אייגענע אינטערעסן; פונדעסטוועגן איז אויסגעקומען צו רעכענען זיך דערמיט.

ניט ווייניק שאָדן האָט די יידישע אַרבעטער פאַרשאַפט די אַרבעטער-בערזע. די דאָזיקע אַנשטאַלט איז אויך געצוואונגען געווען אונטערן דייטשן דרוק דורכצומאַכן די זעלבע עוואָלוציע, צו וועלכער ס׳איז געצוואונגען געווען די גאַנצע שטאָט-פאַרוואַלטונג.

*) זע י. בערגער „די אָסטיידישע אַרבעטער אין דייטשלאַנד", וואַרשע, 12-טן אַפּריל 1918. ד״ר בערגער גיט מיט רעכט צו אַ גרויסע באַדייטונג יענע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן בעזאַמלט פּאַרטיעס פון יידישע אַרבעטער און האָבן זיי געשיקט קיין דייטשלאַנד; די גלייכגילטיקע אָבער, נאָך מער די לייכטזיניקע באַציאונג מצד די אָרגאַניזאַציעס צו זייערע התחייבותן איז געווען דאָס רוב שולדיק דערין, וואָס די אַרבעטער פלעגן זיך נאָכדעם אַרויסווייזן אַלס ניט צוגעפּאַסט צו די האַנדלס-אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וועלכע פלעגן אויסשרייבן אַרבעטער פון פּוילן און ליטע.





פון אַ זעלבשטענדיקער ערשטראַנגיקער פּוילישער אינסטיטוציע, וועלכע האָט ווייט ניט פריינדלעך באַצויגן זיך צו די ניט פּוילישע עלעמענטן, איז זי ביסלעכווייז אַראָפּ אויף דער לעצטער מדרגה, אָפּטרעטנדיק איר אָרט דער דייטשער אַרבעטס-בערזע, ביי וועלכער זי געהאַט נאָך... זעלטן אַ באַראַטונגס-שטים. די יידישע אַרבעטער האָט מען אַ לאַנגע צייט גאָר ניט געוואָלט רעגיסטרירן אין דער אינסטיטוציע; די אויסגעוויילטע מיטגלידער פון יידישן קאָמיטעט אין דער אַרבעטס-בערזע האָט מען אַ לאַנגע צייט איגנאָרירט. די פּאָליאַקן האָבן אַרויפגעוואָרפן די שולד דערפאַר אויף די דייטשן און די דייטשן, פאַרקערט, אויף די פּאָליאַקן... אַ סך מי און ענערגיע האָבן מיר אָנגעווענדט, ביז וואַנען מיר האָבן אויסגעקעמפט די עלעמענטאַרע רעכט פאַר די יידישע אַרבעטער.

אין סך-הכל פון אונזערע אָנשטרענגונגען איז אונז געלונגען אַיינצואָרדענען אויף אַרבעט אויסער ווילנע אַ היבש ביסל יידישע אַרבעטער, אָבער נאָך אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער, וועלכע וואָלטן לייכט געקענט געפינען אַרבעט אין דייטשלאַנד, וואו מ׳האָט זיך זייער גענייטיקט אין אַרבעטער, זיינען געבליבן זיצן אין דער היים אָן אַרבעט...

נאָך ערגער איז באַשטאַנען דער ענין מיט קוואַליפיצירטע אַרבעטער. לויט מיין פאָרשלאָג האָט זיך ביים יידישן צענטראַל-קאָמיטעט אין ווילנע געבילדעט אַ יידישער האַנטווערקער-פאַראיין, וועלכער איז נאָכדעם געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע. לויט די ידיעות פון דער דערמאָנטער אָרגאַניזאַציע איז די אַרבעטסלאָזיקייט צווישן די ווילנער בעלי-מלאכות בכלל און די יידישע בפרט געווען שרעקלעך; איבערהויפּט איז שטאַרק געווען די אַרבעטסלאָזיקייט אין נאָדל-פאַך. בלויז אַ קליינע צאָל בעלי-מלאכות איז געלונגען אַיינצואָרדענען אויף אַרבעט אין אויסלאַנד.

אינטערעסאַנט איז צו באַמערקן, אַז די יידיש-דייטשע אָרטאָדאָקסישע קרייזן, אין דער פּערזאָן פון זייערע אייבערראַבינערס, זיינען שטאַרק אומצופרידן געווען דערפון, וואָס מיר האָבן געזוכט אַיינצואָרדענען אין דייטשלאַנד די אַרבעטסלאָזע. דער מאָטיוו דערפון איז געווען אָפטמאָל אַ רעליגיעזער: זיי האָבן דהיינו געטענהט, אַז די יידישע אַרבעטער וועלן, חלילה, געצוואונגען זיין אין די פאַבריקן צו אַרבעטן אום שבת. אַחוצדעם האָבן זיי מורא געהאַט, אַז דער יידישער אַרבעטער זאָל ניט — אַ קשיא אויף אַ מעשה — געצוואונגען זיין צו עסן טרפות... אַלנפאַלס האָבן די אייבערראַבינערס פון בערלין און פראַנקפורט מבטיח געווען, אַז זיי וועלן אונז פונדעסטוועגן ניט שטערן, נאָר העלפן אונז האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט...

### .III

נאָך שווערער איז געווען צו דערשלאָגן זיך דעם פרייען פאַרקער פאַר סוחרים. פאַראייניקן און אָרגאַניזירן די סוחרים אין אַ גרויסער שטאַרקער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זייער גרויסע נוצן געבראַכט פאַר דעם יידישן סוחר, איז געלונגען ערשט נאָך אַ גאַנצן יאָר צוגרייטונגס-אַרבעט. ביז דער לעגאַליזאַציע האָט די אָרגאַניזאַציע עקסיסטירט בלויז אַלס סוחרים-קאָמיסיע ביים יידישן קאָמיטעט צו העלפן די קרבנות פון דער מלחמה. די פּוילישע סוחרים האָבן פאַרמאָגט זייער אייגענע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז לעגאַליזירט געוואָרן נאָך פאַר דער רוסישער מאַכט.

לויט מיין פּלאַן, אויף וועלכן די דייטשן האָבן אויך אַיינגעוויליקט, האָבן ביידע אָרגאַניזאַציעס, בלייבנדיק ביי זייער אַווטאָנאָמיע, געדאַרפט גלייכצייטיק אויסוויילן אַ געמישטן פּרעזידיום, אויף וועלכן עס איז געלעגן די התחייבות צונויפצורופן ביידע אָרגאַניזאַציעס כדי געמיינזאַם צו באַטראַכטן די אַלגעמיינע פראַגן, ווי— אויך דער חוב דורכצופירן די באַשלוסן פון די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען.

די ערשטע אַרויסטרעטונגען פון דער יידיש=פוילישער סוחרים=אָרגאַניזאַציע זיינען געווען גאַנץ געלונגען, אָבער איר ווייטערדיקע אַנטוויקלונג איז געווען געשטערט פון איין זייט צוליב ריין פאָרמעלע שוועריקייטן מצד דער מאַכט און פון דער אַנדער זייט — צוליב די חילוקי=דעות צווישן די יידישע און פוילישע סוחרים בנוגע דער שטאָט=הלוואה, וואָס האָט געשפילט דאַן אַ גרויסע ראָלע אין דעם ווילנער געזעלשאַפטלעכן לעבן. זייערע אינטערעסן אין דעם ענין פון דער שטאָט=הלוואה, וועגן וועלכער מיר וועלן ריידן אין אַן אַנדער אָרט, זיינען געווען אַזוי ווייט פאַרשיידן, אַז אַלס פאָרזיצער פון דער אַלגעמיינער און יידישער אָרגאַניזאַציע האָב איך ניט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט צונויפצורופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער פאַראייניקטער אָרגאַניזאַציע, ווייל די געמיינזאַמע באַהאַנדלונג פון דער דאָזיקער פראַגע איז לכתחלה פאַרמשפט געווען אויף אַ דורכפאַל... וואָס איז שייך דער יידישער סוחרים=אָרגאַניזאַציע, האָט זי זיך אַרויסגעוויזן אַלס גוט צוזאַמענגעבונדענע און לעבנספעאיקע און האָט געשפילט אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אַן אָנגעזעענע ראָלע.

דער סוחרים=אָרגאַניזאַציע איז אָבער ניט געלונגען אויסצופועלן דעם פרייען אַרויספאָר און אַריינפאָר אין שטאָט, ניט קוקנדיק אויף אונזערע עקשנותדיקע און פילמאָליקע השתדלות. אויב מ׳זאָל נעמען אין אַכט, אַז דער גאַנצער האַנדל האָט זיך דאַן געפונען אין די הענט פון דעם „ווירטשאַפטס=אויסשוס״ און דעם אייבערבירגערמייסטער און אַז דער אַריינפיר פון סחורות אויס דייטשלאַנד איז געווען כמעט אינגאַנצן פאַרבאָטן און פון דעם אָקופּירטן געביט זייער באַשווערט, — וועט זיין פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס מ׳האָט נאָר אין אויסנאַמספאַלן ערלויבט די סוחרים אַרויסצופאָרן איינצוקויפן סחורה. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, פאַרשטייט זיך, אַ מאַנגל אין סחורות אויפן ווילנער מאַרק און אַלס דירעקטער פועל=יוצא דער אומגעהייערער יקרות. דאָך איז דער פרייער פאַרקער סיי פאַר מענטשן, סיי פאַר סחורות פאָרט ניט פאַרברייטערט געוואָרן.

פון דעם אַלעם אויבנגעזאָגטן איז קלאָר, אַז מיט דער אויסנאַם פון היימלאָזע, איז דער אַרויספאָר פון ווילנע סיי פאַר אַרבעטער און בעלי=מלאכות, סיי אויך פאַר סוחרים, געווען זייער באַשווערט. די שטאָט ווילנע האָט פאָרגעשטעלט אַ גרויסע תּפיסה, פון וועלכער די איינוואוינער האָבן נאָר אין אויסערגעוויינלעכע פאַלן געקענט זיך אַרויסרייסן. אַזוי=אַרום האָט זיך די אויסלאָדונג פון דער שטאָט ווילנע איינגעגעבן אונז בלויז אין אַ קליינער מאָס.

בינו לבינו איז די צאָל אַרבעטסלאָזע געוואַקסן; דער קריזיס אין מסחר איז וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער געוואָרן; די אינדוסטריע איז לגמרי פאַראַליזירט געוואָרן און בכלל איז דער דחקות וואָס ווייטער אַלץ גרעסער געוואָרן. די צאָל פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך געווענדט נאָך שטיצע צו די געזעלשאַפטלעכע צדקה=חברות איז געשטיגן ניט פון טאָג, נאָר פון שעה. אַזוי, למשל, איז אין די יידישע צענטראַלע צדקה=חברות וואו ס׳פלעגן רעגיסטרירט ווערן די שטיצע=זוכער, די צאָל פון די לעצטע שוין אין אָקטאָבער 1916 אַריבערגעשטיגן 50 פּראָצ. (32 טויזנט פון דער אַלגעמיינער צאָל 60 טויזנט) פון דער יידישער באַפעלקערונג. ניט אויף אַ סך בעסער איז געווען די לאַגע פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. צום באַדויערן באַזיץ איך ניט בנוגע דער לעצטער אַזעלכע זיכערע ציפערן, ווי בנוגע דער יידישער באַפעלקערונג. ס׳איז כדאַי דערביי אָנצוּווייזן אויף דעם אומגעהייערן וואוקס פון דער צאָל עסער אין די קיכן פאַר אָרימע. וויפיל מיר האָבן ניט געעפנט קיין נייע קיכן פאַר נויטבאַדערפטיקע, האָט אַלץ ניט געקלעקט פאַר אַלעמען קיין מיטאָגן, אַזוי גרויס איז געווען די צאָל פון די, וואָס פלעגן דאַרפן אָנקומען צו די קיכן.



ניט זייענדיק אימשטאַנד פון איין זייט צו פאַרביליגן דאָס לעבן און פאַרגרעסערן דעם סכום לעבנסמיטלען אין שטאָט דורך אַריינפירן זיי מן החוץ און פון דער אַנדער זייט ניט האָבנדיק די מעגלעכקייט אויסלאָדן די שטאָט און צו פאַרשפּרייטן די וואַקסנדיקע מאַסע אַרבעטסלאָזע איבער די דערבייאיקע שטעטלעך און דערפער, וואו ס׳איז געווען אַ גרעסערער נאָכפרעג אויף אַרבעט און וואו דאָס לעבן איז נאָך לעת=עתה ניט געווען אַזוי טייער, האָב איך אָנהייב ווינטער 1916 יאָר באַשלאָסן צו פּרובירן געפינען אַן אויסגאַנג פאַר דער נויטבאַדערפטיקער באַפעלקערונג אויף יענער זייט אָקעאַן, וואו ס׳איז געווען אַ גרויסע באַדערפעניש אין אַרבעטער=הענט.

מיט דעם צוועק האָב איך זיך געווענדט צו דער פאַרוואַלטונג ווילנע — סובאַלק מיט אַזאַ פאָרשלאָג: 1) צו פאַרלייכטערן פאַר דער אָרטיקער באַפעלקערונג די עמיגראַציע קיין אַמעריקע; 2) ערלויבן מיר צו גרינדן אין ווילנע ביי דעם ווילנער יידישן קאָמיטעט אַ ביוראָ פאַר די, וואָס ווילן אַרויספאָרן קיין אַמעריקע, מיט דיזעלבע רעכט און פליכטן, וואָס ס׳האָט געהאַט דאַמאָלסט דאָס דייטשע רייזע=ביוראָ אין קאָוונע, וועלכע פלעגט נעמען פון די עמיגראַנטן פאַר דער נסיעה צוויי מאָל אַזוי פיל, וויפיל זי האָט געדאַרפט קאָסטן, ועל=כולם זייער שלעכט באַהאַנדלט זיי.

שעף פון דער פאַרוואַלטונג אין ווילנע איז דאַן געווען איינער גראַף יאָרק פאָן ווירטעמבערג, אַ גרויסער אַריסטאָקראַט און דערצו איינער פון די גרעסטע רעאַקציאָנערן אין פּרייסישן הערנהויז און, ווי מ׳האָט געשמועסט, אַ מיטגליד פון יעזואיטישן אָרדען. דאָס איז געווען אַ גאַנץ וואויל=דערצויגענער, צירלעך=מאַנירלעכער, אָן ספק קלוגער מענטש, נאָר אַ טרוקענער און האַרטער און קוים האָט זיך געהאַנדלט וועגן יידן, איז ער האַרט=האַרציק געווען, ווי שטיין. ער האָט זעלטן ווען מיר גלייך אָפּגעזאָגט, נאָר דאָס רוב מבטיח געווען אין זייער ליבנסווערדיקע ווערטער צו משתדל זיין זיך וועגן דעם, אָבער פון אַלע זיינע גוטע הבטחות האָט זיך געוויינטלעך סוף=כל=סוף גאָרנישט אויסגעלאָזט. דאָסגלייכן האָט ער אויך אין דער פראַגע זייער שטאַרק פאַראינטערעסירט זיך מיט די סיבות בפרט מיט די עקאָנאָמישע, פון דער שוין לאַנגאָניקער מאַסן=עמיגראַציע פון יידן און פויערים קיין אַמעריקע און זייער געבעטן צו באַקענען אים אויספירלעך מיט דער פראַגע. נאָכדעם ווי איך האָב דאָס געטאָן, האָט ער צו מיר געזאָגט: „ה׳ דאָקטאָר, דאָס, וואָס איר האָט מיר אָקאָרשט מיטגעטיילט, איז זייער אינטערעסאַנט און אַזוי וויכטיק, אַז איך וועל נאָך היינט מודיע זיין וועגן דעם, דעם „אָבערבעפעלסהאַבער אָסט״. מיך האָט איר פולשטענדיק איבערצייגט און איך וועל אייער פאָרשלאָג אונטערשטיצן״. פון דעם לעבעדיקן אינטערעס, מיט וועלכן ער האָט מיך געהערט און פון דער פרייד, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אויף זיין ווייניק באַוועגלעכן פנים פון אַ ביוראָקראַט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אויך ער, משמעות צוליב גאָר אַנדערע טעמים, באַגערט אַריבערצופירן לכל הפחות אַ טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג קיין אַמעריקע. דערפאַר האָט דאָס מיין פאָרשלאָג אַזוי נושא=חן געווען ביי אים. מה טוב! — האָב איך געקלערט און באַדאַנקט אים פאַר זיין ליבנסווערדיקייט.

אינגיכן האָב איך פון אים באַקומען אויף מיין פאָרשלאָג אַ שריפטלעכן און זייער העפלעכן ענטפער אין וועלכן עס ווערט געזאָגט, אַז ער איז, „צו זיין גרעסטן באַדויערן״, געצוואונגען אָפּצוזאָגן מיר אין מיין בקשה צו גרינדן ביים יידישן קאָמיטעט אַ עמיגראַציע=ביוראָ, ווייל, ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז דאָס קאָוונער ביוראָ אַ אָפיציעלע דייטשע אַנשטאַלט. בכלל — איז אָבער געווען געמאָלדן אין דעם ענטפער — איז די דייטשע מאַכט גרייט מיט אַלע מיטלען באַהילפיק צו זיין דער יידישער עמיגראַציע קיין אַמעריקע און גאָר אינגיכן האָט מען בדעה אָנצונעמען מיטלען צו

פאַרלייכטערן די עמיגראַציע. און באמת טאַקע האָבן די באַדינגונגען פאַר דער עמיגראַציע קיין אַמעריקע, וועלכע זיינען איניקכן פובליקירט געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט, געגעבן די מעגלעכקייט אַ גרויסן טייל פון דער ווילנער באַפעלקערונג אַרויסצוּוואַנדערן קיין אַמעריקע.

צום באַדויערן האָט דאָס אָפיציעלע קאָוונער רייזע-ביוראָ, הינטער וועלכער ס׳איז געשטאַנען דער „נאָרד-דייטשער ללאָיד״, עקספּלאָאַטירנדיק די אונטערנעמונג אויפן פּריוואַט-רעכטלעכן יסוד, אויף אַזוי פיל פאַרטייערט די רייזע, אַז דווקא די עלעמענטן, וועלכע האָבן זיך צום מערסטן גענייטיקט אין דעם, ד. ה. די אַרבעטער און בעלי-מלאכות, זיינען ווייניקער פון אַלץ געווען ביכולת צו באַנוצן זיך מיט דער מעגלעכקייט, וואָס האָט זיך פאַר זיי געעפנט צו פאָרן קיין אַמעריקע. קיין אַמעריקע זיינען דערהויפּט אַרויסגעפאָרן סוחרים, וועלכע געהערן צום מיטעלן קלאַס פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג. צום סוף פון 1916 יאָר, ווען דער שטראָם פון די, וואָס האָבן געוואָלט פאָרן קיין אַמעריקע, האָט זיך קאָלאָסאַל געשטאַרקט, האָט די דייטשע מאַכט, מורא האָבנדיק, משמעות, אַז פון ווילנע זאָלן ניט אויסוואַנדערן אַלע פאַרמעגלעכע מענטשן, איבערלאָזנדיק אין שטאָט בלויז אָרימע לייט, און — ס׳וועט ניט זיין ווער ס׳זאָל זיי שטיצן, — שאַרף געענדערט איר באַציאונג צו דער אויסוואַנדערונג קיין אַמעריקע און האָט לגמרי פאַרבאָטן די ווייטערדיקע עמיגראַציע. מ׳דאַרף צוגעבן, אַז אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע האָבן אויסשליסלעך יידן. די צאָל אויסגעוואַנדערטע יידן פון ווילנע קיין אַמעריקע אין משך פון 5 חדשים קען מען אָפּשאַצן אומגעפער אין 2000—2500 נפשות.

---

### IV.

ס׳איז געווען נאָך אַ אויסגאַנג פאַר דער ווילנער אַרבעטסלאָזער מאַסע. די אַזויגערופענע „דייטשע אַרבעטער-באַטאַליאָנען״, וועלכע מ׳דאַרף ניט צונויפמישן מיט די אויבנדערמאָנטע פאַרטיעס אַרבעטער, וועלכע פלעגן דאָס רוב דורך דער פאַרמיטלונג פון דער אָרטיקער אַרבעטס-בערזע אַוועקגיין קיין דייטשלאַנד אָדער אין אָקופּירטן געביט. די דאָזיקע פאַרטיעס פלעגן זיך באַדינגען און שליסן קאָנטראַקטן, ריכטנדיק זיך מיטן דורכשניטלעכן אַרבעטס-לוין, וואָס מ׳האָט זיי צוגעזאָגט, אַקעגן-זשע די אַרבעטער-באַטאַליאָנען זיינען נאָר די ערשטע צייט קאָמפּלעקטירט געוואָרן פון פרייוויליקע, בשעת ניט די אָרימע לייט, וואָס פלעגן זוכן אַרבעט, ניט מיר, וואָס האָבן זיך משתדל געווען פאַר זיי וועגן דעם, זיינען נאָך ניט געגוג אײַנפאָרמירט געווען מכוח דעם כאַראַקטער פון דער אַרבעט אין די אַרבעטער-באַטאַליאָנען. די אָרגאַניזאַציע פון דעם אַרבעטער-באַטאַליאָן אין ווילנע האָט איר קורצע געשיכטע.

אין דעצעמבער 1915, ווען די קליינע מיטלען, וואָס האָבן זיך געפונען אין רשות פון יידישן קאָמיטעט, האָבן געהאַלטן ביים אויסגיין, האָב איך צוזאַמען מיט ד״ר נ. ראַכמילעוויטש גענומען פאָדערן פון דער ווילנער שטאָט-פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט צו יענער צייט שוין כמעט אינגאַנצן געפונען זיך אין דייטשע הענט, אַז זי זאָל קומען אונז צו הילף. מ׳דאַרף זאָגן דעם אמת, אַז די דייטשן האָבן דאַמאָלסט זייער מיטפילנדיק זיך באַצויגן צו אונזער שווערער לאַגע און האָבן איינגעשטימט אויף דער ערשטער צייט איבערצונעמען אויפן חשבון פון שטאָט די קינדער-קיך, גאָרקיך און אַנדערע, זיי האָבן אויך איינגעשטימט אַרויסצוגעבן פאַר די היימלאָזע 6—8 טויזנט אומזיסטע ברויטקאַרטן טעגלעך. אויף דער מאָגערער שטאָט-קאַסע זיינען פלוצלונג געפאַלן קאָלאָסאַלע הוצאות און היות ווי נאָך די הוצאות האָבן געדאַרפט קומען נאָך אַנדערע גרויסע אויסגאַבן אויף דער יידישער קהילה, האָבן די דייטשן, כנהוג, גענומען זיך איינצופירן אָרדענונג אין דער





אָרדענונגסלאָזער אָרגאַניזאַציע פון דער ווילנער וואוילטעטיקייט בכלל.

קודם-כל האָבן זיי געפאָדערט אַ שטרענגע רעגיסטראַציע פון אַלע פערזאָנען, וועלכע האָבן באַקומען אַ וועלכע ניט איז שטיצע פון די וואוילטעטיקע אַנשטאַלטן. די טעכניק פון דער דאָזיקער רעגיסטראַציע איז גאַנץ לאַנג אויסגעאַרבעט געוואָרן און סוף-כל-סוף איז זי צוזאַמען מיט אונז ענדגילטיק אויסגעאַרבעט געוואָרן אין פעברואַר אָדער מערץ 1916 יאָר. ס׳איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ ספּעציעלע ברויט-קאַרטע, אויף וועלכער ס׳איז פאַרצייכנט געוואָרן ממש יעדע וואוילטעטיקע שטיצע סיי מיט פּראָדוקטן, סיי מיט געלט, וועלכע פלעגט אַרויסגעגעבן ווערן דעם אייגנטימער פון דער קאַרטע. אויף דיזעלבע ברויט-קאַרטן פלעגט דאַרפן פאַרצייכנט ווערן צי איז די פּערזאָן אַרבעטספעאיק אָדער ניט. אין ערשטן פאַל האָט מען לכתחילה בדעה געהאַט, אַז דעם אַרבעטספעאיקן אַרבעטסלאָזן זאָל געגעבן ווערן אַ געוויסער טערמין צו געפינען אַרבעט (ביז 10 טעג); אויב ער האָט אין משך פון דער צייט ניט געפונען קיין אַרבעט, האָט ער געקענט צוגעצויגן ווערן צו צוואַנגסאַרבעט. די ערשטע צוציאונג צו צוואַנגסאַרבעט האָט אַרויסגערופן אַ מהומה צווישן די אָרימע לייט, וועלכע האָבן באַנוצט זיך מיט צדקה-תמיכה, אַ סך זיינען ניט נאָר ניט געקומען מער נאָך דער שטיצע, נאָר האָבן ממש געווײנט מ׳זאָל זיי „אויסמעקן״, אויס מורא צוגעצויגן צו ווערן צו צוואַנגסאַרבעט.

באַלד אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די צאָל אַרבעטספעאיקע פּערזאָנען, וועלכע וואָלטן אַזוי אַרום געקענט צוגעצויגן ווערן צו צוואַנגסאַרבעט, איז געווען לפי-ערך זייער אַ קליינע. דאָס זיינען דאָס רוב געווען מענטשן מיט גרויסע פאַמיליעס, וואָס דער גרעסטער טייל פון זיי האָט צוליב זייער פאַמיליענלאַגע אָדער צוליב אַרבעטסאומפעאיקייט ניט געטויגט צו צוואַנגאַרבעט. דאָס צוציען צו צוואַנגסאַרבעט האָט פונדעסטוועגן געהאַט דעם נוצן, וואָס עס האָט גענייט געוויסע עלעמענטן, וועלכע האָבן זיך לפי-ערך ווייניקער גענייטיקט אין שטיצע, אָפּצוזאָגן זיך פון דער צדקה-תמיכה.

וואָס איז שייך די „ביליגע אַרבעטער״*), אין וועלכע ס׳האָט זיך געשפּירט אַ גרויסער דוחק, האָט מען באין-ברירה געמוזט אָנקומען צו אַנדערע מיטלען, כדי צו קאָמפּלעקטירן די דאָזיקע אַרבעטער-באַטאַליאָנען.

אין אָנהייב זומער 1916 בין איך פון דעם בירגערמייסטער ה׳ א י י כ ל ע ר — זייער אַ געבילדעטער און סימפּאַטישער באַאַמטער — אײַנגעלאַדן געוואָרן אויף אַ באַראַטונג מכוח צוציען צו געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן די-יעניקע, וואָס ווילן ניט אַרבעטן.

דורכדעם האָט מען בדעה געהאַט צו פאַרלייכטערן עטוואָס די לאַסט פון דער צדקה-הילף, וואָס איז געלעגן אויף די פּלייצעס פון דער שטאָט-פאַרוואַלטונג. ליידער אָבער איז דער לוין, וואָס דער בירגערמייסטער האָט פאָרגעלייגט — (30 פעניג אַ טאָג אויף אַלעם פאַרטיקן) — געווען אויף אַזוי פיל ניט גענוג, אַז מיר האָבן געפאָדערט צו העכערן אים לכל-הפּחות 3 מאָל אַזוי פיל. הגם דער בירגערמייסטער האָט געמוזט אײַנשטימען, אַז דער לוין איז טאַקע צו נישטיק, האָט ער דאָך ערקלערט, אַז „איצט איז ניטאָ די מעגלעכקייט צו פאַרגרעסערן דעם לוין״, נאָר מ׳האָט עס אין זינען; ווייטער האָט ער צוגעזאָגט אַ סך הנחות, ווי דהיינו, אַז די אַרבעטער וועלן באַפרייט ווערן יעדע וואָך אַהיים אָפּצורוען זיך, אַז די אַרבעטן וועלן דורכגעפירט ווערן ניט ווייט פון שטאָט (ניט ווייטער פון 5—6 וויאָרסט) און אַז. וו.

צוליב דער גרויסער נויט און אַרבעטסלאָזיקייט, וואָס האָט געהערשט אין ווילנע, האָבן מיר, אָרטיקע פאָרשטייער, וועלכע האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף אַ באַראַטונג ביים בירגערמייסטער, סוף-

---

*) זע ווייטער.

כל־סוף געמוזט מיט אַ שווערן האַרץ מסכים זיין צו פאַרעפנטלעכן אַ אויפרוף צו די אַרבעטער מיט דער אויפפאָדערונג צו פאַררעגיסטרירן זיך אויף אַרבעט. גלייך ווי ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער אויפרוף האָבן גרויסע מאַסן אָרימע לייט, בפרט יידן, פאַרשריבן זיך אויף אַרבעט. בלויז אין איין יידישן קאָמיטעט האָבן זיך פאַרשריבן איבער 3000 אַרבעטער, צווישן וועלכע ס'זיינען געוועזן אויך אינטעליגענטן. נאָר די אַרבעט אין די אַרבעטער־באַטאַליאָנען האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן פאַר צו שווער, די באַדינגונגען פון דער אַרבעט אומגעהייער שלעכט, און די דערנערונג ווייט ניט גענוגנד. די אַרבעט גופא, וועלכע איז לכתחילה פאָרגעקומען אין דער נאָענטער אומגעגנט פון שטאָט, איז אינגיכן, דערווייטערנדיק זיך וואָס אַמאָל אַלץ מער פון שטאָט, פלוצלונג אַריבערגעטראָגן געוואָרן שיר ניט צום פראָנט. זי איז דערהויפט באַשטאַנען אין ערד־גראָבן, דורכפירן שאָסיי־וועגן, מאַכן „אָקאָפּעס" א. אַ. וו. מיטן אָנקומען פונם שווערן און קאַלטן ווינטער פון יאָר 1916 האָבן זיך די לעבנסבאַדינגונגען אין די אַרבעטער־באַטאַליאָנען נאָך מער פאַרערגערט. ווי נאָר צומיר און צו ה' יוסף איזביצקי, (דעם פאָרשטייער פון די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער אין ווילנע) האָבן דערגרייכט די קלאַנגען וועגן די שווערע באַדינגונגען, אין וועלכע די אַרבעטער פון די אַרבעטער־באַטאַליאָנען געפינען זיך, האָבן מיר תיכף־ומיד אָנגעהויבן ענערגיש משתדל צו זיין זיך וועגן פאַרבעסערן דעם גורל פון די אומגליקלעכע און האָבן ניט אויפגעהערט צו באַמיען זיך ביזן לעצטן טאָג פון מיין זיין אין ווילנע, ד. ה. כמעט אַ גאַנצן יאָר. מיר קענען זיכער זאָגן, אַז אַדאַנק דער גוטער באַציאונג און מיטהילף מצד דעם בירגערמייסטער אייכלער, האָבן מיר באַוויזן אין משך פון אַ יאָר באַדייטנד צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די אַרבעטער. אַזוי, למשל, איז ביים רעכטן אָנהייב צוליב מיין השתדלות באַפרייט געוואָרן פון דער אַרבעט אַ גרויסער טייל אַרבעטער. שפּעטער האָט זיך אונז נאָך לאַנגער מי איינגעגעבן צו באַקומען שוכוואַרג און עפּעס בגדים פאַר די אַרבעטער. אין פעברואַר 1917 יאָר איז נאָך ענערגישע אינטערווענצן מצד דער ווילנער דייטשער מאַכט אין „אָב—אָסט", באַשלאָסן געוואָרן באַדייטנד צו העכערן דעם אַרבעטסלוין אין די אַרבעטער־באַטאַליאָנען. ווייטער איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדענונג, אַז פּערזאָנען, וועלכע האַלטן אויס מער ווי 2 קינדער, ווי אויך די, וועלכע האָבן אַ באַשטימטע באַשעפטיקונג, זאָלן ניט גענומען ווערן אין די אַרבעטער־באַטאַליאָנען. די מעדיצינישע אונטערזוכונג, וואָס איז לכתחילה געווען נאָר לפנים וועגן, איז געוואָרן אַ סך ערנסטער: ביים מינדסטן חשד וועגן געזונט האָט מען שוין פאַרבראַקירט פון דער אַרבעט. די דאָזיקע און אויך אַנדערע פאַרלייכטערונגען האָבן דאָך געמאַכט דאָס לעבן אין די אַרבעטער־באַטאַליאָנען בלויז דערטרעגלעך, אָבער דער מצב פון די אַרבעטער איז דאָך געשטאַנען אַ סך נידעריקער איידער אין די פאַבריקן. דער כאַראַקטער פון דער אַרבעט איז געווען אַ געצוואונגענער; דער רעזשים—ווי אין אַ מיליטערישער טורמע, די באַציאונגען מיט דער אויסערלעכער וועלט שטאַרק באַשווערט. הגם קאָרעספּאָנדענץ מיט די קרובים, אָנהייבנדיק פון פעברואַר 1917 יאָר, איז ערלויבט געוואָרן, אָבער זי פלעגט דורכגיין דורך אַ מיליטערישער צענזור... דער אַרבעטסלוין איז נאָך אַלץ געווען ניט גענוגנד, דער אַרבעטסטאָג ווידער איז געווען זייער אַ לאַנגער.

די דייטשן, פאַרשטייט זיך, זיינען געווען גערעכט, ווען זיי האָבן געטענהט, אַז אַן אַנדערער אויף זייער אָרט וואָלט געטאָן דאָס זעלבע און אַז אויפן גרונד פון אינטערנאַציאָנאַלן רעכט (וואָס איז באַשטימט דורך דער האַאַגער קאָנפערענץ) האָבן זיי דאָס רעכט אַזוי צו האַנדלען. פונדעסטוועגן האָט מען אין די אַרבעטער־באַטאַליאָנען, פאַרשטייט זיך, ניט געקענט זען קיין ישועה פון דער אויבנבאַשריבענער לאַגע, אין וועלכער ס'האָט זיך געפונען די באַפעלקערונג פון אונזער געגנט בכלל און פון דער שטאָט ווילנע בפרט. באַדייטנד אויסלאָדן די נויטבאַדערפטיקע ווילנער באַפעלקערונג אויף אַזאַ אופן איז געווען אוממעגלעך.

אַדאַנק דעם מאַנגל אין פראָדוקטן, דער אַרבעטסלאָזיקייט, דעם אומגעוויינלעך לאַנגן און קאַלטן ווינטער ווי אויך צוליב דעם, וואָס דאָס אַמעריקאַנער געלט איז ניט אָנגעקומען,—וועגן וואָס כ'וועל ריידן ווייטער,—איז די לאַגע פון ווילנע, דער עיקר פון די יידן, צו מערץ 1917 יאָר געוואָרן אַ קריטישע, דערויף האָט עדות געזאָגט די אומגעוויינלעכע שטערבלעכקייט. איך האָב זיך דעריבער זייער דערפרייט, ווען אין אָנהייב מערץ 1917 יאָר האָט איינער פון די אָנגעזעענסטע פוילישע כלל־טוער ק—י פאָרגעלייגט מיר צו ווענדן זיך מיט אַ געמיינזאַמער השתדלות צו דער העכערער דייטשער מאַכט וועגן ערלויבן פאַר דער אָרטיקער באַפעלקערונג דעם אַרויספאָר פון ווילנע. דאָס האָט געהאַט דאַמאָלסט פאַר דער שטאָט אַ באַזונדערס וויכטיקע באַדייטונג צוליב דער פאָרשטייענדיקער אַרבעט אין פעלד. דעם מעמאָראַנדום האָבן מיר באַדאַרפט אויסאַרבעטן צוזאַמען און פערזענלעך דערלאַנגען דער מאַכט, דערביי האָט זיך צוליב דעם צוועק פאַראייניקט צו אונז אויך דער געוועזענער שטאָט־גאָלאָווא מ. א. ווענסלאַווסקי. איך האָב אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט פון אַ מעמאָראַנדום און האָב אים איבערגעגעבן צו ק—י. צום באַדויערן האָט מיין פּלוצלעכער אַרעסט און דאָס אַרויסשיקן מיך קיין טשערסק איבערגעריסן מיין אָנטייל אין דעם ענין.

---

.V

פון אויבנגעזאָגטן איז קלאָר, אַז מיר זיינען ניט געווען ביכולת צו שאַפן אַרבעט אויסער דער שטאָט פאַר דער מאַסע מענטשן, וועלכע וואָלטן דאָרט געקענט אַרבעטן און מפרנס זיין זיך. מ'דאַרף אָבער דערביי מוסיף זיין, אַז די צאָל פערזאָנען, פאַר וועלכע מיר פלעגן שאַפן אַרבעט אויסער ווילנע, איז געווען פונדעסטוועגן גאַנץ גרויס. אַזוי, למשל, האָט אַ גרויסע צאָל ווילנער געאַרבעט אויף דער אייזנבאַן אין אַלע ווירטשאַפטס־צווייגן; אַנדערע האָבן זיך איינגעאָרדנט אין די דערפער ביי לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטן, ביי פאַבריקן און זאַוואָדן, ביי זעגמילן און אַז. וו.

וואָס איז שייך דער אַרבעט אין ווילנע גופא, איז אַזעלכע געווען זייער ווייניק. די פאַבריקן און זאַוואָדן האָבן, מיט קליינע אויסנאַמען, ניט געאַרבעט. אין מסחר איז געווען אַ קריזיס. אַחוץ אַ קליינעם טייל ספּעקולאַנטן און אַ הייפעלע פאַרמעגלעכע לייט, האָט די גאַנצע איבעריקע מאַסע אָדער גאָרניט געהאַט קיין פרנסה, אָדער ווען ס'האָט זיך שוין יאָ אַמאָל געמאַכט אַ פרנסה, האָט דאָס געהאַט אַ צופעליקן כאַראַקטער. באַזונדערס איז גרויס געווען די אַרבעטסלאָזיקייט צווישן יידן. דאָס דערקלערט זיך ראשית דערמיט, וואָס די יידן, פון וועלכע דער גרעסטער טייל זיינען געווען קליינהענדלער און בעלי־מלאכות, האָבן זיך ניט געקענט אַזוי לייכט צופּאַסן צו דער שווערער אַרבעט ביים ערד־גראָבן, ווי די קריסטן און האָבן גרעסטנטיילס ניט געטויגט צו דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט, פון וועלכער זיי האָבן אַלס אמתע שטאָטישע איינוואוינער קיין אַנונג ניט געהאַט. והשנית איז די אַרבעטסלאָזיקייט צווישן יידן געווען דערהויפּט גרויס דערפאַר, וואָס אויף די פאַכן, וואו ס'האָבן דאָס רוב געאַרבעט יידן, ווי דהיינו שניידער, קירזשנער, שוסטער א. אַז. וו. איז געווען גאָר אַ קליינער נאָכפרעג. ענדלעך האָט אַ גרויסע ראָלע אין דער יידישער אַרבעטסלאָזיקייט געשפּילט דער פאַקט, וואָס יידן האָט מען, ווי כ'האָב שוין דערמאָנט פריער, אין פאַרגלייך מיט די

קריסטן אַ סך ווייניקער צוגעלאָזט צו דער אַרבעט אין דייטשלאַנד און אין אָקופּירטן געביט.

מחמת דעם אַלעם איז די הילף דורך אַרבעט, וואָס אונז איז געלונגען צו שאַפן פאַר דער באַפעלקערונג, געווען לגבי דער קאָלאָסאַלער נויט, זייער אַ קנאַפּע. אַ באַזונדערס שווערע און פאַרצווייפלטע נויט האָט געהערשט, ווי כ׳האָב שוין געזאָגט, צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, ביי וועלכער די שטערבלעכקייט איז געווען, אין קעגנזאַץ צו דער שלום־צייט, אַ סך גרעסער איידער ביי די קריסטן.

ס׳איז קלאָר געווען פון אָנהייב אָן, אַז אָן אַ גרעסערער פילאַנטראָפּישער שטיצע וועט זיין אוממעגלעך צו לינדערן די נויט פון דער ווילנער באַפעלקערונג. צוליב דער קאָלאָסאַלער נויט צווישן דער אָרטיקער באַפעלקערונג און באַזונדערס צווישן די אָנגעלאָפענע היימלאָזע, וועלכע זיינען געבליבן אָן שום פרנסה, האָבן זיך געפאָדערט אַזעלכע גרויסע מיטלען, אַז ס׳איז געווען לחלוטין אוממעגלעך צו שאַפן זיי דאָ אויף אָן אָרט. דערפאַר זיינען אַלע אויגן גלייך געווענדט געווען אויף די גרויסע אויסלענדישע הילפס־קאָמיטעטן. כידוע, פלעגן סיי יידן און סיי פּאָליאַקן איידער די דייטשן האָבן פאַרנומען ווילנע, באַקומען גאַנץ גרויסע מיטלען פון די רוסישע קאָמיטעטן, דעם טאַטיאַנער קאָמיטעט, דעם יעליזאַוועטער קאָמיטעט, דעם פּעטראָגראַדער יידישן קאָמיטעט צו העלפן די קרבנות פון דער מלחמה („יעקאָפּאָ״), דעם קאָמיטעט צו פאַרהיטן דאָס געזונט פון דער יידישער באַפעלקערונג („אָזע״), דעם אַלרוסישן שטאָט־פאַרבאַנד, דעם אַלזעמסקן פאַרבאַנד וכדומה. כדי צו געבן אַ פאָרשטעלונג וועגן דער גרויס פון דער שטיצע מצד די דערמאָנטע קאָמיטעטן, וועט גענוג זיין אָנצווייזן, אַז בלויז נאָר דער איין ווילנער יידישער קאָמיטעט האָט געהאַט אויסגאַבן אין משך פון די זומערדיקע חדשים 1915 אויסשליסלעך אויף היימלאָזע פון 200 ביז 240 טויזנט רובל, וועלכע פלעגן געדעקט ווערן כמעט אינגאַנצן מן החוץ.

דערביי איז די צאָל יידישע היימלאָזע דאַמאָלסט ביזן פערטן אַווגוסט געווען ניט העכער פון 10 טויזנט מאַן, בשעת ווען צו דער צייט, ווען די דייטשן זיינען אַריינגעקומען אין ווילנע, האָט זיך די צאָל יידישע היימלאָזע פאַרגרעסערט ביז 22 טויזנט מאַן! די צאָל קריסטלעכע היימלאָזע האָט דערגרייכט צו יענער צייט קרוב צו 10 טויזנט.

מיטן פאַרנעמען ווילנע דורך די דייטשן זיינען אַלע אויבנדערמאָנטע מקורים פלוצלונג אויסגעשעפּט געוואָרן. און דאָ איז די לאַגע פון די יידן געווען אַ סך ערגער אין פאַרגלייך מיט דער לאַגע פון די פּאָליאַקן. ראשית איז יידישע היימלאָזע געווען מער ווי טאָפּלט לגבי די פּוילישע; דערביי האָבן די יידן, וועלכע זיינען כמעט פולשטענדיק צערואינירט געוואָרן, לאַנג ניט געקענט זיך צוריקקערן אין זייערע חרוב געוואָרענע שטעטלעך און שטעט, בשעת ווען די פּויערים האָבן ביי דער ערשטער געלעגנהייט זייער גערן אומגעקערט זיך אויף זייער ערד. אַחוצדעם האָבן די פּאָליאַקן די ערשטע צייט געבעל־הבתעוועט נאָך איבער די שטאָטישע זאַפּאַסן און הכנסות אויפן אַלטן שטייגער, ד. ה. אַיינטיילנדיק בלויז פאַר „זייערע״; אויף דעם חלק פון די יידן זיינען נאָר אָנגעקומען ברעקלעך...

ווידער, זייענדיק אָפּגעריסן פון פאַרקער מיט צפון־מזרח, האָט דער יידישער קאָמיטעט געקענט ערוואַרטן הילף נאָר פון וויטן: ניט ליטע און אויך ניט פּוילן, וואו די יידן זיינען צום גרונד רואינירט געוואָרן, האָבן ניט געקענט קומען צו הילף די ווילנער יידן. די פּאָליאַקן האָבן שוין פון ערשטן מאָמענט קונציק באַוויזן צו באַקומען גאַנץ גרויסע סומען פון פויזן פון די קלעריקאַלע קרייזן... און משמעות אויך פון וואַרשע, ענדלעך האָבן זיי געהאַט גאַנץ היבשע סומען פון דער שווייץ, פון וועווע, פון דער דאָרטיקער „צענטראַלער געזעלשאַפט פאַר די מלחמה־קרבנות אין פּוילן״. די דאָזיקע געזעלשאַפט, וואָס אירע טיכטיקסטע און אָנגעזעענסטע מיטגלידער זיינען געווען הענריק סענקעוויטש און פּאַדערעווסקי, האָט געזאַמלט נדבות אין די ברייטסטע קרייזן פון אויסלאַנד אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט. אַלזאָ האָט מען געקענט משער זיין, אַז דער גרעסטער טייל פון די מנדבים האָט ניט געמאַכט קיין חילוק צווישן די „מלחמה־קרבנות״... פונדעסטוועגן זיינען די געלטער, וואָס פלעגן לכתחילה צוגעשיקט ווערן אויפן אַדרעס פון „פּוילישן קאָמיטעט״ און נאָכדעם פון געוויסע פערזאָנען פון דער פּוילישער געזעלשאַפט, פאַרטיילט געוואָרן לכתחילה אויסשליסלעך צווישן פּאָליאַקן... לויט מיין מיינונג האָט געדאַרפט זיין איינס פון די ביידע: אָדער מ׳האָט געדאַרפט זיך אַ נאָמען געבן „געזעלשאַפט צו העלפן די קרבנות פון דער מלחמה, קאַטוילן פון פּוילישער נאַציאָנאַליטעט״, אָדער, איבערלאָזנדיק דעם אויבנדערמאָנטן נאָמען, וואָס אונטער זיין פאָן זיינען די נדבות געזאַמלט געוואָרן, פאַרטיילן דאָס געלט צווישן די „קריגס־קרבנות פון פּוילן״, ניט מאַכנדיק קיין שום אונטערשייד צווישן די פעלקער, וואָס וואוינען אין לאַנד.

די ערשטע האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם די ליטווינער, וועלכע האָבן זיך געווענדט וועגן דעם מיט אַ פּראָטעסט צו דער דייטשער מאַכט.*)

דער דעמאָלטיקער שעף פון דער פאַרוואַלטונג אין ווילנע פאָן־בעקענראַט האָט ניט נאָר אָנערקענט די גערעכטקייט פון דער ליטווישער אָנקלאָגע, נאָר האָט אויך געהאַלטן פאַר נייטיק אין צוזאַמענהאַנג דערמיט צו פאַרעפנטלעכן אין סוף פון 1915 יאָר אַ נייעם באַפעל פון אייבערקאָמאַנדיר פון „אָב־אָסט״, צו גרינדן אונטער זיין פאָרזיץ אַ באַזונדער קאָמיטעט פון פאָרשטייער פון די אָרטיקע נאַציאָנאַליטעטן כדי ריכטיק צו פאַרטיילן די נייע נדבות, וועלכע קומען אָן קיין ווילנע. אַדאַנק דעם איז אונז אַ פּאָר מאָל געלונגען צו באַקומען פון די דאָזיקע געלטער אַ קלענערן טייל פאַר די ליטווינער און ווייסרוסן... נאָך דעם פאַל אָבער, איז דער אַדרעס, אויף וועלכן ס׳זיינען אָנגעקומען די געלטער פון בעבע משמעות אומגעביטן געוואָרן און די פאַרטיילונג האָט אויפגעהערט... דער באַפעל פון העכסטן אייבערקאָמאַנדיר (אין דעם פאַל איז ער געווען פאַרפאַסט ניט דורך הינדענבורג, נאָר דורך דעם שעף פון זיין שטאַב לודענדאָרף), וועגן וועלכן איך האָב אויבן דערמאָנט, איז געווען זייער אַ אינטערעסאַנטער דאָקומענט.

לויט דער פאַראָרדענונג האָבן אַלע אויסלענדישע נדבות, וועלכע קומען אָן פאַר וועלכער ניט איז נאַציאָנאַליטעט אין ראַיאָן פון „אָבעראָסט״, געדאַרפט פאַרטיילט ווערן צווישן אַלע נאַציאָנאַליטעטן פון דער באַטרעפנדיקער שטאָט אָדער אַפילו געגנט.

---

*) דער בעשוו. אַדוואָקאַט קזשיזשאַנאָווסקי און ד״ר שאַאוליס פון ווילנע האָבן אין דער צייט, וואָס זיי האָבן זיך צוזאַמען אויפגעהאַלטן אין דייטשלאַנד, דעם ווינטער פון יאָר 1915, געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט אַ קאָפּיע פון דעם בריוו, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון בעבע און אין וועלכן די מיטגלידער פון דאָרטיקן קאָמיטעט האָבן מיטגעטיילט די פּאָליאַקן, אַז ניט ווייניקער פון אַ דריטל פון די געשיקטע גרויסע געלט־סומען דאַרף אָפּגעגעבן ווערן פאַר די ליטווינער. דער בריוו איז אַדרעסירט געווען אויפן נאָמען פון צוויי אָנגעזעענסטע פּוילישע כלל־טוער אין ווילנע. די אויבנדערמאָנטע פערזאָנען נאָך זייער צוריקקער קיין ווילנע, אין 3 מאָנאַטן אַרום נאָכן אָנקומען פון די געלטער אין אָרטיקן פּוילישן קאָמיטעט, האָבן אויסגעדריקט אויף דער זיצונג פון ווילנער בירגער־קאָמיטעט זייער פאַרוואונדערונג, וואָס די ליטווינער האָבן לעת־עתה גאָרניט באַקומען פון דעם געלט... אויף אונז אַלעמען, וואָס זיינען בייגעווען אויף דער דאָזיקער זיצונג, האָט דאָס געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק...

פון טעאָרעטישן שטאַנדפונקט שיינט דער דאָזיקער באַפעל צו זיין גאַנץ גערעכט. אין דער אמתן קען מען טאַקע ניט דערלאָזן, אַז אין איין און דערזעלבער שטאָט זאָל איין נאַציאָנאַלע גרופּע הונגערן אין דער צייט, ווען די אַנדער גרופּע קען עסן צו זאַט אַדאַנק דער שטיצע פון אויסן. די סאָציאַלע גערעכטיקייט פאַדערט מער אָדער ווייניקער גלייכמעסיקע פאַרטיילונג פון וואוילטעטיקער שטיצע צווישן אַלע הונגער־ליידנדיקע פון אַ געוויסן אָרט. קיין אַנדער שטאַנדפונקט טאָר אויך ניט זיין ביי אַ וויפיל ניט איז קולטורעלער אַדמיניסטראַציע.

אין דערווירקלעכקייט אָבער האָט זיך די פּראַקטישע אויספירונג פון דעם דאָזיקן באַפעל פון „אָבעראָסט", ביי די תּנאים, וועלכע האָבן עקסיסטירט אין אונזער געגנט, אַרויסגעוויזן פאַר כּמעט אוממעגלעך. און באמת, זעלטן ווען קען מען טרעפן אַן אַנדער געגנט מיט אַזעלכע שאַרף אָפּגעזונדערטע נאַציאָנאַליטעטן, ווי אונזער קאַנט. יעדע נאַציאָנאַלע גרופּע, למשל אין ווילנע, פירט איר אייגנאַרטיקן אָפּגעשלאָסענעם לעבן, אפילו די צדקה־חברות קומען ניט אין באַרירונג איינע מיט די אַנדערע. די וואוילטעטיקע סומען, וואָס די פּאָליאַקן און יידן באַקומען מן הצד, ווערן אויסשליסלעך פאַרטיילט צווישן די נויטבאַדערפטיקע פון דער נאַציאָנאַליטעט, פאַר וועלכער ס׳איז באַשטימט געווען די שטיצע. מיט דער דאָזיקער פון קדמונים אָן אַיינגעשטעלטער אָרדענונג רעכענען זיך אויך די מנדבים אַזוי, אַז די פאַרטיילונג פון די מן הצד אַריינגעפלאָסענע וואוילטעטיקע סומען צווישן אַלע נויטבאַדערפטיקע פון ווילנע וואָלט קודם־כּל געווען קעגן דעם ווילן פון די מנדבים גופא און וואָלט אין אַ קורצער צייט אַרום גורם געווען, אַז די שטיצע פון אויסן זאָל אינגאַנצן אויפהערן.

אין דעם פאַל, ווי אין אַ סך אַנדערע, האָט דער מער קולטורעלער דייטשער מיטל צו אָרגאַניזירן די וואוילטעטיקע שטיצע אַרויסגעוויזן זיך ביי די אָרטיקע - באַדינגונגען ניט באַקוועם און אַפילו שעדלעך.

די קלוגע דייטשן, וועלכע האָבן באַלד פאַרשטאַנען דעם טעות פון „אָבעראָסט", האָבן אים פונדעסטוועגן ניט אָפּגעשאַפט, כּדי ניט צו דערנידעריקן חלילה דעם פּרעסטיזש פון דער מאַכט; אין דער ווירקלעכקייט אָבער האָבן זיי זיך געמאַכט ניט זעענדיק און אַלץ איז געבליבן ביים אַלטן.

אַזוי איז די זאַך באַשטאַנען בנוגע די פּאָליאַקן און ליטווינער אין דער ערשטער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין ווילנע. אַ סך ערגער האָט אין דערזעלבער צייט געהאַלטן מיט יידן.

דער שרייבער פון די שורות צוזאַמען מיט ד״ר ראַכמילעוויטש, ד״ר שאַבאַד, אל. אָלשוואַנגער, אַדוואָקאַט ש. ראָזענבוים און אַנד. וועלכע האָבן באַשלאָסן צו פאַרבלייבן אין ווילנע, כּדי צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון דער באַפעלקערונג בכלל און פון דער יידישער באַפעלקערונג בפרט, — זיינען אַלע געצוואונגען געווען צו נעמען אויף זיך די גרויסע, שווערע און זייער פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט.

דער פּרעזידיום פון יידישן קאָמיטעט, וואָס איז אַנטלאָפן פון ווילנע ערב דער דייטשער אינוואַזיע, צוזאַמען מיט אַלע רייכע יידן, האָט איבערגעלאָזן אויף הפקר אַ צעשטערטע און פאַרנאַכלעסיקטע בעל־הבתישקייט מיט עפּעס אַ פאַרצייטיקער און פאַרקריפּלטער בוכהאַלטעריע, אָן שום קאָנטראָלע און אַ שפּאָר ביסל גנבים, וועלכע האָבן מיט גרויס התמדה צעשלעפּט דעם געזעלשאַפטלעכן קוילעטש...

די בעל־הבתישקייט איז געווען אַ קאָמפּליצירטע און אַ פאַרפלאָנטערטע. די מאַסע פון 22 טויזנט היימלאָזע, וועלכע האָט זיך אין משך פון דער אָקופּאַציע־צייט אַראָפּגעלאָזט אויפן קאָפּ פון דעם ניי־געבילדעטן יידישן קאָמיטעט, איז געווען אַזוי אומגעהייער און די מיטלען אַזוי קליין, אַז דער קאָמיטעט האָט געדאַרפט אָנשטרענגען אַלע זיינע כּוחות, כּדי צו ראַטעווען די היימלאָזע פון הונגער־טויט. אין מיין רשות, אַלס פאָרזיצער פון יידישן קאָמיטעט, איז צום 5־טן סעפּטעמבער 1915 איבערגעבליבן קרוב פון 90 טויזנט רובל און אַ קליינער סכום שפּייז־פּראָדוקטן.

מיר זיינען קודם־כּל צוגעטראָטן צו פאַרקירצן די הוצאות, הגם דאָס איז געווען ניט פּאָפּולער און שווער. שוין פון חודש אָקטאָבער האָבן מיר אָפּגעשאַפט דאָס אַרויסגעבן געלט־שטיצעס און האָבן זיי פאַרביטן מיט פּראָדוקטן.

אַדאַנק דעם איז באַזייטיקט געוואָרן אַ גרויסע מאַסע מיסברויכן. לויט מיין פאָרשלאָג האָט דער קאָמיטעט איינגעשטימט אָפּצושאַפן דעם אַזוי גערופענעם „ספּעציעלן פאָנד", וועלכער האָט איינגעשלונגען זייער גרויסע סומען. דער פאָנד איז באַשטימט געווען צו שטיצן יענע אָרימע לייט, וועלכע האָבן כּלומרשט ניט געקענט זיך דערנידעריקן אויסצושטרעקן אַ האַנט. ס׳איז גאָר קיין ספק ניט, אַז אַזאַ קאַטעגאָריע אָרימע לייט עקסיסטירט אין דער אמתן, אָבער אין דער צייט פון אַ קאָלאָסאַלן געזעלשאַפטלעכן אומגליק, בשעת צענדליקער טויזנטער מענטשן דראָט הונגער־טויט, טאָר מען בשום־אופן ניט אויסטיילן פאַר דער קאַטעגאָריע לפי־ערך גרויסע מיטלען, אָפּנעמענדיק פון די הונגעריקע אָרימע לייט. אַחוצדעם האָבן זיך צו דעם „ספּעציעלן פאָנד", ווי אונזער אויספאָרשונג האָט ניט איין מאָל באַשטעטיקט, צוגעשאַרט אַ מאַסע פּאַראַזיטן, וועלכע האָבן אויף אַ געמיינעם אופן צעשלעפּט און צעגנבעט די מיטלען, וואָס זיינען באַשטימט געווען פאַר די הונגערנדיקע מאַסן.

ווייטער האָבן מיר פאַרקירצט דעם אומגעהייערן פּערסאָנאַל ניט נאָר פון געצאָלטע, נאָר אויך פון אומזיסטע אָנגעשטעלטע: די פּראַקטיק האָט געוויזן, אַז הינטער דער פּלייצע פון די אומאייגננוציקע געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע פאַרדינען יעדע אַכטונג, באַהאַלטן זיך אָפּטמאָל געמיינע פאַרשוינען, וואָס באַנוצן זיך מיט דער מאַסקע פון אומזיסטע אַרבעטער, כּדי לייכטער צו באַגנבענען די צדקה־סומען. דורך די און אויך אַנדערע מיטלען צו שפּאָרן דאָס געלט פון קאָמיטעט האָבן מיר זיך אָנגעלעבט אַ סך שונאים, אָבער דאָך באַדייטנד פאַרקירצט די הוצאות.

צום באַדויערן האָבן די געלט־חשבונות, ניט קוקנדיק אויף אַלע אונזערע שטרעבונגען, נאָך אַלץ ניט געקענט באַפרידיקן, הגם זיי זיינען אין פאַרגלייך מיט פריער באַדייטנד אויסגעבעסערט געוואָרן, אויך די קאָנטראָלע איז געבליבן די גאַנצע צייט אומבאַפרידיגנדיק.

דאָס אַלץ האָט די פילע שונאים פון קאָמיטעט געגעבן אַ פּתחון־פּה צו וואַרפן אויף אים שמוץ, באַזונדערס פון נאָוועמבער אָן, ווען דער קאָמיטעט איז געוואָרן די איינציקע אָרגאַניזאַציע צו פאַרטיידיקן די יידישע בירגערלעכע, פּאָליטישע און בפרט נאַציאָנאַלע רעכט.

די פאַרדינסטן פון יידישן קאָמיטעט זיינען געווען קאָלאָסאַל, אָבער ער האָט געאַרבעט אין אַ צייט, ווען ס׳האָט געהערשט דער הונגער, און האָט געהאַט אַ אָרדענונגסלאָזע בעל־הבתישקייט, און דאָס איז געווען די הויפּט־סיבה פון זיין ניט פּאָפּולערקייט.

אַדאַנק דעם איבערגאַנג פון געלט־תּמיכה אויף נאַטורעלער שטיצע און אויך אַדאַנק דער פאַרקירצונג פון די הוצאות, האָט דער נייער קאָמיטעט, האַבנדיק אויף זיין פאַרזאָרגונג צוויי מאָל אַזוי פיל היימלאָזע ווי פריער און פאַרשאַפנדיק גלייכצייטיק אַ גרויסע אונטערשטיצונג פאַר אַנדערע יידישע צדקה־אַנשטאַלטן, ווי דער קינדער־קיך, גאָרקיך און אַ. וו. האָט ער דאָך פון אָנהייב סעפּטעמבער 1915 ביז פעברואַר 1916 עקסיסטירט אויף 90 טויזנט רובל, בשעת ווען פריער האָט דער קאָמיטעט אויסגעגעבן פון 200 ביז 240 טויזנט רובל אַ חודש!

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דורך דער פאַרקירצונג פון די הוצאות אַליין האָט מען דאָס ניט געקענט דערגרייכן, בפרט נאָך, אַז ס'איז אויסגעקומען צו פאַרטראַכטן זיך וועגן דער צוקונפט ניט נאָר פון די היימלאָזע, נאָר פון דער גאַנצער ווילנער יידישער אָרימער באַפעלקערונג בכלל, וועלכע האָט מקנא געווען די היימלאָזע און האָט זיי געהאַלטן פאַר גליקלעכע, ווייל וועגן זיי האָט זיך געזאָרגט דער קאָמיטעט...

די הכנסות פון דער יידישער געמיינדע האָבן זיך שאַרף פאַרקירצט און געדראָאט אינגאַנצן איבערגעריסן צו ווערן: דער „קאָראָבקע"-אָפּצאָל האָט כמעט אינגאַנצן אויפגעהערט; די הכנסה פון בית-עולם האָט זיך אויך פאַרקלענערט ביז אַ מינימום; און דאָס אַלץ איז געווען אין דער צייט, ווען די יידישע נויט איז געוואַקסן ניט פון טאָג, נאָר פון שעה!

אַחוץ דער פאַרקירצונג פון די הוצאות האָט דער יידישער קאָמיטעט אַ סך געאַרבעט איבער דער עוואַקואַציע פון די היימלאָזע, וועלכע האָט זיך, הגם פּאַמעלעך, אָבער אָן אויפהער באַוועגט פאָרווערטס ביי דער פולער מיטווירקונג פון דער דייטשער מאַכט, וועלכע האָט צוגעשטעלט אין רשות פון קאָמיטעט גאַנצע צוגן פאַר היימלאָזע.

צום באַדויערן האָבן מיר ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו זאָרגן זיך וועגן דער איינאָרדענונג פון די היימלאָזע אויף די ערטער און וועגן זייער פּלאַנמעסיקער און צוועקמעסיקער באַזעצונג, ווייל דער אַרויספאָר פון ווילנע, ווי אויך די נסיעות איבער די שטעט און שטעטלעך צוליב דעם דאָזיקן צוועק און זאָגאַר די קאָרעספּאָנדענץ מיט זיי, איז געווען פאַר אונז שטרענג פאַרבאָטן אין משך פון דער גאַנצער צייט פון דער דייטשער ממשלה אין קאַנט. אַלע באַמיאונגען אין דער ריכטונג זיינען געווען אומזיסט, די דייטשן האָבן מורא געהאַט פאַרן שפּיאָנאַזש ערגער ווי פאַר פייער...

דער מאַנגל אין מיטלען האָט אינגיכן מיך געצוואונגען, מיט דער הסכמה פון קאָמיטעט, צו באַגרעניצן זיך מיט דער הילף בלויז פאַר די ווילנער היימלאָזע און אָפּזאָגן אין שטיצע אַלע אָרימע, וועלכע האָבן געוואוינט מחוץ ווילנע. זעענדיק אָבער, ווי געשווינט ס'גייט אויס אונזער קליינער קאַפּיטאַל און ווי ס וואַקסט נאָך געשווינטער די נויט, האָט מען געמוזט קומען צום טרויעריקן אויספיר, אַז ס'וועט אינגיכן אויסקומען איבעררייסן די קאָלאָסאַלע אַלזייטיקע וואוילטעטיקע טעטיקייט כון יידישן קאָמיטעט און הן די היימלאָזע, הן די היגע אָרימע לייט איבערלאָזן אויף גאָטס באַראָט ביי דער שרעקלעכער אַרבעטסלאָזיקייט, וואָס האָט דאָ געהערשט.

צוליב דעם דאָזיקן מצב, ווי אויך צוליב דעם, וואָס די צוגעזאָגטע שטיצע מצד די אַמעריקאַנער יידן דורך דער פאַרמיטלונג פון דעם בערלינער „הילפס-פאַראיין דער דייטשען יודען" איז אַלץ ניט אָנגעקומען, — איז ביי מיר אַנטשטאַנען אַ פּלאַן אונטערצונעמען אַ נסיעה קיין אַמעריקע מיטן צוועק צו שאַפן דאָרט מיטלען פאַר די יידן פון אונזער קאַנט, ווי אויך צו פאַרבינדן דירעקטע באַציאונגען מיט די אַמעריקאַנער יידן, וואָס אין זייער טיפן מיטגעפיל און אין זייער גרייטשאַפט צו ברענגען קרבנות לטובת זייערע ליטווישע ברידער האָט קיינער פון אונז ניט געצווייפלט.

אין דעצעמבער 1915 יאָר האָב איך זיך וועגן דעם מיישב געווען מיט דעם בירגערמייסטער ווייסנבאָרן, אַ קלוגער מאַן און אַ בריה. ער האָט מיר אָן לאַנגע מחוקות געזאָגט: „אויב איר וועט אָנגעבן אַ בקשה אין דעם זין, וועט אייך געוויס ערלויבט ווערן צו פאָרן קיין אַמעריקע".

איך האָב גוט געוואוסט, אַז זיין זיכערקייט נעמט זיך ניט אַזוי דערפון, וואָס ער האָט, משמעות, ערוואַרט צוטרוי צו מיר



מצד דער דייטשער מאַכט, נאָר דערהויפּט דערפון, וואָס די דייטשן האָבן געשטרעבט בכל-אופן צו פועלן, מ'זאָל דורכלאָזן פּראָדוקטן פון אַמעריקע קיין דייטשלאַנד אָדער לכל-הפּחות פאַר דעם אָקופּירטן געביט... זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אויף וויפיל דער דאָזיקער קאַנט וואָלט דערנערט ווערן מיט אַמעריקאַנער פּראָדוקטן, וואָלטן זיינע אייגענע פּראָדוקטן אין אַ גרויסער מאָס געקענט אוטיליזירט ווערן פאַר די באַדערפענישן פון דעם שוין דאַמאָלסט זייער באַשווערטן דייטשן איינווייניקסטן מאַרק. אָבער אַפילו אויך אָן דעם, אין פאַל, ווען ענגלאַנד זאָל געווען דורכלאָזן פּראָדוקטן פאַרן אָקופּירטן געביט, ווי זי האָט דאָס געטאָן פאַר בעלגיע, וואָלט די דייטשע רעגירונג, וועלכע האָט זיך געמאַטערט מיט דער פראַגע, ווי אַזוי דערנערט מען די באַפעלקערונג, געהאַט מיט איין שווערער דאגה ווייניקער. איך האָב דאָס גוט געוואוסט, וואָרים מיט 3 וואָכן צוריק פאַר דעם שמועס מיטן בירגערמייסטער, בין איך צוזאַמען מיטן ראַבינער הרב רובינשטיין איינגעלאַדן געוואָרן צום בירגערמייסטער, און אין געגנוואַרט פון אייבערבירגערמייסטער האָט מען אונז קאָנפידענציאָנעל געמאָלדן אָט וואָס: געוויסע געזעלשאַפטן אין אַמעריקע ווילן קומען צו הילף די הונגערנדיקע יידן אין פוילן און צפון-מערבדיקן קאַנט. די שטיצע וועט באַשטיין דערין, וואָס די יידישע באַפעלקערונג וועט באַזאָרגט ווערן מיט אומזיסטע אָדער לכל-הפּחות מיט זייער ביליגע פּראָדוקטן, וועלכע וועלן אַלע חודש אָנקומען פון אַמעריקע. פון אונז האָט מען געפאָדערט: ערשטנס אָנצווייזן וואָס פאַר אַ סכום פּראָדוקטן און וועלכע פּראָדוקטן פאָדערן זיך מאָנאַטלעך פאַר דער יידישער באַפעלקערונג; אַחוצדעם פאָדערט זיך, אַז דאָס אַלץ זאָל אָנגעשריבן ווערן אויף העברעאיש. מיינע און דעם ראַבינערס אונטערשריפטן דאַרפן אויך זיין מיט יידישע אותיות. דערויף האָב איך דערקלערט דעם אייבערבירגערמייסטער, אַז איך האַלט ניט פאַר מעגלעך, אַז מיר, יידן, זאָלן קענען עסן צו זאַט, בשעת אונזערע שכנים — די קריסטן וועלן הונגערן! דעריבער האָב איך פאָרגעלייגט צוזאַמענשטעלן אַ גענויע רשימה פון די פּראָדוקטן, וועלכע זיינען נייטיק פאַר דער גאַנצער ווילנער באַפעלקערונג. די דייטשן האָבן דערמיט אינגאַנצן מסכים געווען. אויף מיין פראַגע, פון וועלכע אַמעריקאַנער געזעלשאַפטן שטאַמט דער פאָרשלאָג, האָב איך באַקומען אַ זייער אויסווייכנדיקן ענטפער. אויף מאָרגן איז דער בריוו אויף העברעאיש מיט דער רשימה פון די פּראָדוקטן, וועלכע זיינען נייטיק מאָנאַטלעך פאַר דער ווילנער באַפעלקערונג, געווען אָנגעשריבן דורך אונז און אין דער געגנוואַרט פון בירגערמייסטער געחתמעט. דעם בריוו האָט געדאַרפט אונטערשרייבן אויך דער אייבערבירגערמייסטער.

פון דאַמאָלסט אָן האָט מען פון דעם דאָזיקן בריוו קיין זאַך ניט געהערט...

דערפון האָב איך עס געוואוסט, אַז קוים וועל איך דערציילן דעם בירגערמייסטער וועגן מיין כוונה צו פאָרן קיין אַמעריקע מיטן צוועק צו באַקענען די אַמעריקאַנער מיט דער נויט, וואָס הערשט ביי אונז, און ווענדן זיך צו זיי מיט אַ אויפרוף וועגן הילף, — וועט ער גלייך זיך אָנכאַפּן אָן מיין פּראָיעקט. כך הווה: איך האָב זיך אָנגעהויבן גרייטן אין וועג אַריין. ס'זיינען אָבער ניט אַוועק קיין עטלעכע טעג פון דעם באַשריבענעם שמועס, ווי דערזעלבער בירגערמייסטער האָט מיר געמאָלדן וועגן דער פאָרשטייענדיקער וויכטיקער געשעעניש, וועלכע וועט מאַכן מיין נסיעה קיין אַמעריקע פאַר ניט נייטיק, וואָרים ס'ווערן אין ווילנע ערוואַרט „הויכגעשטעלטע" אַמעריקאַנער: „די טעג וועלן מיר באַקומען אַ טעלעגראַמע וועגן זייער אַרויספאָר פון בריסעל און איך וועל אייך תיכף מעלדן וועגן דעם. מ'וועט דאַרפן זיי באַווייזן די שטאַרקסטע נויט אונזערע. איך בעט אייך צוזאַמענשטעלן אַ מאַרשרוט און איינלאַדן צו זיך נאָך אַ פּאָר פּערזאָנען, וועלכע באַ-

הערשן גוט די ענגלישע שפּראַך. דאָס זעלבע וועל איך פאָרלייגן צו טאָן די פּאָליאַקן און די ליטווינער״.

אין עטלעכע טעג אַרום איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע, אַז די אַמעריקאַנער קומען צו פאָרן און איך מיטן בירגערמייסטער, זיינען לויט זיין בקשה געפאָרן לויט דעם מאַרשרוט, וואָס איך האָב פאָרגעלייגט, כּדי אַליין פריער צו באַקוקן דאָס אַלץ, וואָס מ׳האָט געזאָלט ווייזן די אַמעריקאַנער. דער בירגערמייסטער איז געבליבן גאַנץ צופרידן, און אין דער אמתן—וואָס־וואָס, אָבער דחקות און טאַקע די שרעקלעכסטע איז ביי אונז געווען די והותר!.. ס׳איז געווען וואָס צו ווייזן די אַמעריקאַנער! די פּאָליאַקן און ליטווינער זיינען אין דעם פּרט, צו זייער גליק, גאָר ווייט הינטערשטעליק געבליבן לגבי אונז... צוריקוועגס האָט דער בירגערמייסטער מיר געבעטן, אַז איך זאָל ניט פירן די אַמעריקאַנער איבער די הויפּט־גאַסן, וואו אין די פענסטער פון די קאָנדיטאָרייען זיינען אויסגעלייגט אַזוי פיל זעמל און נאַשערייען. ״פון וואַנען נאָר קריגן זיי דאָס מעל?״ האָט ער מיט זאָרג צוגעגעבן.

מיר האָבן אָפּגערעדט מיטן בירגערמייסטער צו טרעפן זיך אויף מאָרגן 9 אַזייגער אינדערפרי אין האָטעל ״בריסטאָל״, וואו ס׳איז געווען צוגעגרייט אַ וואוינונג פאַר די אַמעריקאַנער. זיי זיינען געווען זאַלבעצווייט: איינער—דער פּערזענלעכער סעקרעטאַר פון דעם באַוואוסטן אַמעריקאַנער מיליאַרדער ראָקפעלער און דער אַנדערער—פאָרזיצער פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט צו העלפן די בעלגיער אין בריסעל.

ווען איך בין אויפן אַנדער טאָג געקומען דער ערשטער צו דער באַשטימטער שעה, האָב איך געוואָלט באַנוצן זיך מיט דער געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט די אַמעריקאַנער. דער מענטש, וועמען איך האָב איבערגעגעבן מיין וויזיט־קאַרטע פאַר די אַמעריקאַנער, האָט געזאָגט: ״אָט גייט ער אַליין!״ פון האָטעל־רעסטאָראַן איז אַרויס אַ ריז, אַ טיפּישער אַנגלאָזאַקס און האָט זיך געלאָזט גיין אין מיין ריכטונג. כ׳האָב אים אָפּגעשטעלט און זיך פאָרגעשטעלט. ער האָט זיך אָנגערופן און געזאָגט, אַז אים איז זייער אָנגענעם צו באַקאָנען זיך מיט אַ פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה. קוים האָט ער דאָס נאָר אַרויסגערעדט, ווי ביי מיר פון זייט האָט זיך דערהערט אַ צווייטע שטימע. איך האָב זיך אומגעווענדט און מיט ערשטוינונג באַמערקט, אַז לעבן מיר איז ווי פון ד׳ערד אויסגעוואַקסן אַ דייטשער פּאָלקאָווניק פון גענעראַל־שטאַב, וועלכער איז געשטאַנען, האַלטנדיק די האַנט ביים דאַשעק אין דער פּאָזע פון אַ מענטשן, וועלכער שטעלט זיך פאָר; ער האָט אָנגערופן זיין פאַמיליע, איך—מיינע. פון דעם מאָמענט אָן, האָט דער אָפיצער, ווי אַ שאָטן, באַגלייט די אַמעריקאַנער, ניט אָפּלאָזנדיק זיי פון אויג אויף איין מינוט און ניט דורכלאָזנדיק קיין איין וואָרט. ער האָט, ווי ס׳ווייזט אויס, ערפילט דערביי אַ ספּעציעלע פליכט... דאָס איז געווען אַ גאַנץ קלוגער און געשיקטער מענטש, וואָס האָט גלענצנד באַהערשט די ענגלישע שפּראַך. די אַמעריקאַנער האָבן אין זיין אָנוועזנהייט געהאַט אַזעלכע פאַרגליווערטע און אומבאַוועגלעכע פּנימער, אַז מ׳האָט געקענט מיינען, זיי פאַרשטייען ניט דעם זין פון דעם, וואָס דער אָפיצער טרעט ניט אָפּ פון זיי.

און דאָך האָבן זיי אַרויסגעוויזן מער רמאות און געשיקטקייט ווי די דייטשן, וואָס האָבן זיי אַרומגערינגלט: זיי האָבן מיט אַ וואונדערלעכער בריהשאַפט אויסגענוצט יערע צופעליקע פאַרלעגנהייט, יעדעס מענטשן־געזעמל אַרום זיי, כּדי שנעל און אומגעריכט צו ערשיינען לעבן אימיצן פון אונז און, ניט קוקנדיק אויף אונז, שטעלן עפּעס אַ וויכטיקע פראַגע, וואָס האָט זיי אינטערעסירט. איך דענק ניט, אַז מיר זאָלן האָבן געווען מיט זיי אָפנהערציק, וואָרים מיר זיינען אַלע געווען פאַראינטערעסירט דערין, אַז זייער גראַנדיאָזע אונטערנעמונג זאָל געקרוינט ווערן





מיט ערפאָלג; פונדעסטוועגן איז פון דעם כאַראַקטער פון די דורך זיי געשטעלטע פראַגן קלאָר געווען, אַז זיי זיינען אויסגעצייכנט אינפאָרמירט און אָריענטירן זיך גוט אין די אָרטיקע פאַרהעלטענישן.

באַלד זיינען אָנגעקומען די דייטשע בירגערמייסטערס, די פאָרשטייער פון די פּאָליאַקן (קאַנטשאַ און ד״ר באָגושעווסקי), פון די ליטווינער (פּרי׳ ווילײשיס),—און מיר זיינען אין צוויי אַווטאָמאָבילן צוזאַמען מיט די אַמעריקאַנער אַוועקגעפאָרן ווייזן זיי אונזער שרעקלעכע נויט. מיר האָבן זיי געוויזן איינע פון די 13 יידישע געזעלשאַפטלעכע קראָמען; געוויזן זיי איינע פון די 10 יידישע פאָלקסקיכן, וואו זיי האָבן פאַרזוכט די שפּייז און האָבן פאָטאָגראַפירט דעם הונגעריקן המון, וואָס האָט באַלאַגערט די קיך. נאָכדעם זיינען מיר אַוועקגעפאָרן אין דער גאָרקיך, וואָס האָט אויף זיי געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק; אויך דאָ האָט אונזער באַגלייטער, דער מיליטערישער פאָטאָגראַף, געמאַכט עטלעכע פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס פאַר די אַמעריקאַנער.

אַ דערשיטערנדיקן רושם אויף די אַמעריקאַנער האָבן באַזונדערס געמאַכט די אינטערנאַטן פאַר די יידישע היימלאָזע, דערהויפּט די בלינדע פּליטים... דאָ האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן לענגער, האָבן אַלעמען אויסגעפרעגט און פאָטאָגראַפירט. איינער פון די אַמעריקאַנער איז צוגעגאַנגען צו מיר און, אָנווייזנדיק אויף אַ אומגליקלעכער גרופּע היימלאָזע, וואָס האָבן פּאָזירט פאַרן פאָטאָגראַף, האָט ער געזאָגט: ״די פאָטאָגראַפיעס וועלן אויפזאַמלען אין אַמעריקע אַ סך געלט״. באַזוכנדיק נאָך איין פּוילישע וואוילטעטיקע אַנשטאַלט, איין ליטווישע און דעם סאַוויטשער שפּיטאָל, זיינען מיר זיך פונאַנדערגעפאָרן, צופרידנדיק אין אָוונט צו טרעפן זיך אין זאַל פון דער שטאָט־דומע.

אין אָוונט צו דער באַשטימטער שעה האָבן מיר זיך אַלע פאַרזאַמלט אין שטאָט־דומע. דאָ האָט דער פאָרשטייער פון ראָקפעלער אין אַ אויספירלעכער רעדע באַקאַנט אונז מיטן צוועק פון זיין נסיעה.

— אין אַמעריקע האָט זיך געבילדעט אַ גרויסע רייכע געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו פאַרזאָרגן די הונגערליידנדיקע באַפעלקערונג פון פּוילן און ליטע מיט לעבנסמיטלען צו אַ פּרייז, וואָס זאָל זיין צוטריטלעך אַפילו פאַרן אָרימאַן. דער סכום נייטיקע שטאָפן, וואָס דער מענטש דאַרף האָבן פאַר זיין טעגלעכן געברויך, ווי למשל: ווייסל, פעטס און קוילנהידראַטן וועט אין טעגלעכע פּאַקעטן פאַרטיילט ווערן דער באַפעלקערונג אין דער פאָרם פון לייכט פאַרדייעלעכע קאָנסערוון. די פּראָדוקטן וועלן צוגעשטעלט ווערן פון אַמעריקע איינמאָל אין חודש. אַלע פּרטים, ווי אַזוי צוצוגרייטן, צוצושטעלן און פאַרטיילן די פּראָדוקטן זיינען פאָראויסגעזען און אויסגעאַרבעט. די מניעה איז איצט נאָר... אין ענגלאַנד. צום באַדויערן—האָט ער צוגעגעבן—לאָזט דער געשפּרעך, וואָס איך האָב מיט עטלעכע טעג צוריק געהאַט מיט אַסקוויטן, ניט איבער קיין אָרט פאַר אָפּטימיסטישע האָפענונגען. פונדעסטוועגן האָט ער קיין קאַטעגאָרישן אָפּזאָג ניט באַקומען, און היות ווי די דייטשע רעגירונג האָט איינגעשטימט אויף די פאָדערונגען פון ענגלאַנד, אַז די פאַרטיילונג פון די פּראָדוקטן זאָל דורכגעפירט ווערן אויסשליסלעך דורך דער פאַרמיטלונג פון די אַמעריקאַנער בירגער, קען מען דאָך האָפן אויף ערפאָלג פון דער אַקציע.

ענדגילטיק האָט דער ענין געדאַרפט אויפגעקלערט ווערן אין איינעקע טעג אַרום אין לאָנדאָן, וואוהין ביידע אַמעריקאַנער זיינען גלייך אַרויסגעפאָרן פון ווילנע.

גענוי באַקענט די אַמעריקאַנער געסט מיט אונזערע באַדערפענישן און איבערגעגעבן זיי פון יעדער נאַציאָנאַליטעט פון

קאַנט אַ באַזונדערן מעמאָראַנדום, האָבן מיר זיך האַרציק צעזעגנט מיט זיי.

ליידער אָבער איז אונזערע פריילעכע חלומות ניט באַשערט געווען מקוים צו ווערן, און אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז ענגלאַנד האָט זיך ענדגילטיק אָפּגעזאָגט דורכצולאָזן לעבנסמיטלען אין דעם פון די דייטשן אָקופּירטן צפון-מערבדיקן קאַנט. הגם אָבער די אַמעריקאַנער האָט זיך ניט איינגעגעבן צו רעאַליזירן זייער גראַנדיאָזן הילפּספּלאַן פאַר פּוילן און ליטע, פונדעסטוועגן האָבן אַדאַנק דער אויפגעהויבענער אַגיטאַציע אינגיכן אָנגעהויבן אָנצוקומען פון אַמעריקע, דערהויפּט פאַר יידן, זייער גרויסע געלט=נדבות.

.VI

סוף דעצעמבער 1915 זיינען ענדלעך אָנגעקומען קיין ווילנע די לאַנג ערוואַרטע פּאָרזיצער און סעקרעטאַר פון בערלינער „הילפס=פאַראיין פון די דייטשע יידן”. דורך זיי האָבן געדאַרפט אָנקומען די וואוילטעטיקע סומען פון די אַמעריקאַנער יידן. די דייטשע יידן ווידער האָבן אויך געזאַמלט נדבות לטובת די „אָסט=יודן”, אָבער די דאָזיקע זאַמלונגען זיינען לפי=ערך געווען ניט קיין גרויסע. די דייטשע רעגירונג האָט קרום געקוקט אויף דער הילפס=אַקציע פון די דייטשע יידן און, אויב כ׳האָב קיין טעות ניט, האָט זי שפּעטער זי אינגאַנצן פאַרבאָטן.

דער פאָרזיצער פון בערלינער הילפס=קאָמיטעט, דער באַקאַנטער כלל=טוער ד״ר פּויל נאַטאַן איז אַ טיפּישער דייטשער אינטעליגענטער ייד פון אַסימילאַטאָרישן „חדר”, מיט אַ גוטן דייטשן פּאַטריאָטיזם און אַ פּאַר אונזער איינעם—קאָמישן דייטשן נאַציאָנאַליזם, הגם די צייט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט צוזאַמען מיט ד״ר פּויל נאַטאַן, איז געווען אַזוי קורץ, אַז כ׳קען ניט אויף באַשטימט פאַרזיכערן צי האָט נאַטאַן אינגאַנצן מסכים געווען צו דעם דייטשן שטאַנדפּונקט, אַז „יודען זינד איינע קאָנפעסיאָן, אַבער ניכט קיינע נאַציאָן”. פאַרבראַכט אַ פּאָר טעג אין ווילנע, זיינען די בערלינער פאָרשטייער אָפּגעפאָרן צוריק, צוזאָגנדיק, אַז מיר וועלן אינגיכן אָנהייבן פּינקטלעך אַלע חודש צו באַקומען געלט פון בערלין, בנוגע דער סומע האָבן מיר אָפּגערעדט, אַז די ערשטע צייט וועט מען אונז אַרויסשיקן צו 50 טויזנט מאַרק מאָנאַטלעך. אָבער אַזוי ווי נאָך זייער אָפּפאָר האָבן מיר געוואַרט אויף דעם געלט עפּעס קרוב צו צוויי חדשים, זיינען מיר געצוואונגען געווען אויסצוקערעווען זיך דערווייַלע ווי מיר האָבן נאָר געקענט. ס׳איז געווען קלאָר, אַז ס׳איז נייטיק צו ווענדן זיך צו דער ווילנער וואוילטעטיקער שטיצע.

ביסלעכווייז איז ביי אונז אויפגעקומען אַ פּלאַן צו אָרגאַניזירן הילף פאַר דער נויטבאַדערפטיקער יידישער באַפעלקערונג מיט אייגענע, אַזוי צו זאָגן אָרטיקע מיטלען. דער תמצית פון דעם פּלאַן איז באַשטאַנען דערין, אַז אַ טייל הוצאות אויף אונטערצושטיצן די נויטבאַדערפטיקע ווילנער יידישע באַפעלקערונג זאָל אַרויפגעלייגט ווערן אויף די פּלייצעס פון דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג, און די אַנדערע נייטיקע העלפט זאָל געשאַפן ווערן דורך זעלבסטבאַשטייערונג אָדער צוואַנגסבאַשטייערונג פון די אָרטיקע יידן.

דערצו איז נייטיק געווען דורכצופירן אַ שטרענגע רעגיסטראַציע פון די אָרימע לייט, כדי די שטיצע זאָל אָנקומען נאָר צו די, וועלכע האָבן באַזונדערס שטאַרק געליטן; וואָרים פון די אויבנאָנגעוויזענע מקורים איז געווען אוממעגלעך צו באַקומען מיטלען פאַר אַלע נויטבאַדערפטיקע. שטיצע דאַרף געגעבן ווערן בלויז די ניט אַרבעטספּעאיקע אָרימעלייט און פון די אַרבעטספּעאיקע אין אַ געוויסער מאָס—בלויז די אַרבעטסלאָזע, וועלכע זוכן און געפינען ניט קיין אַרבעט. די שטיצע פאַר די לעצטע דאַרף זיין אַ צייטווייליקע און אויף אַזוי פיל מעסיק, אַז זי זאָל צווינגען דעם אַרבעטסלאָזן שטענדיק צו זוכן אַרבעט. מיטן אָפּזוכן אַרבעט פאַר די אַרבעטסלאָזע האָט זיך געדאַרפט פאַרנעמען אַ שטענדיקע אַרבעטסקאָמיסיע ביים יידישן קאָמיטעט. אמת טאַקע, ווי כ׳האָב שוין באַריכות דערציילט וועגן דעם אין די פאָריקע קאַפּיטלעך, איז אין ווילנע געווען לפי=ערך ווייניק אַרבעט; ניט קוקנדיק אָבער דערויף, איז פאַר די קאַנאַליזאַציע=און וואַסערלייטונג=אַרבעטן שווער געווען צונויפצוקלייבן אַ גרעסערע צאָל יידישע אַרבעטער.

אָנהייב יאַנואַר 1916 זיינען מיר צוגעטראָטן צו פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן פּלאַן. מיר האָבן אָנגעהויבן פון דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג, וועלכע האָט זיך צו דער צייט געפונען שוין אינגאַנצן אין די דייטשע הענט. קודם=כל האָבן מיר געמאָלדן דעם אייבערבירגערמייסטער, אַז צוליב מאַנגל אין מיטלען זיינען מיר געצוואונגען צו פאַרמאַכן די קינדערקיך, גאָרקיך, די אָקאָרשט געעפנטע פאָלקסקיכן (אָדער גאַסנקיכן) און אויך די אַרבעטערקיך און אַנד. די דייטשע מאַכט האָט זיך ענערגיש געשטעלט אַנטקעגן דעם: „אין אַזאַ שווערן מאָמענט טאָר מען ניט פאַרמאַכן די קיכן!” – איז מיר צום צווייטן מאָל ערקלערט געוואָרן.

נאָך אַ גאַנצער ריי באַראַטונגען איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן די דאָזיקע קיכן פּראָדוקטן. אום צו געבן אַ באַגריף וועגן די הוצאות, וואָס די שטאָטישע זעלבסטפאַרוואַלטונג האָט גענומען אויף זיך, וועט גענוג זיין אָנצוווייזן דערויף, אַז די אויסהאַלטונג פון איין קינדערקיך אין משך פון איין חודש האָט אונז געקאָסט 5000 רובל. באַלד נאָכדעם האָב איך זיך געווענדט צו איינעם פון די בירגערמייסטערס מיט דער בקשה צו נעמען די פאַרזאָרגונג פון די היימלאָזע אויפן חשבון פון שטאָט, ווייל ביים יידישן קאָמיטעט זיינען אויסגעשעפּט געוואָרן אַלע מיטלען. דערביי האָב איך אָנגעוויזן דער דייטשער מאַכט, אַז די פאַרזאָרגונג פון די היימלאָזע איז דער חוב פון דער שטאָט און אַפילו פון דער מלוכה, און בשום אופן ניט פון די נאַציאָנאַלע קהילה=אָרגאַנען. אויסער דעם האָב איך אָנגעוויזן די דייטשן, אַז די יידן זיינען די הויפּט=צאָלערס פון די שטייערן אין ווילנע, בשעת ווען די שטאָט פאַרטיילט די וואוילטעטיקע שטיצע אויסשליסלעך צווישן די פּאָליאַקן, איגנאָרירנדיק כמעט אינגאַנצן די יידן!

אויך דאָס מאָל איז די דייטשע מאַכט ליבנסווערדיק אַנטקעגנגעקומען אונזערע פאָדערונגען און האָט תיכף פאַראָרדנט אַרויסצוגעבן 8000 אומזיסטע ברויטקאַרטן פאַר די היימלאָזע.

פון דער אַנדערער זייט זיינען אָנגענומען געוואָרן זייער ענערגישע מיטלען צו עוואַקואירן די היימלאָזע, צוליב וועלכן צוועק ס׳איז אונז איבערגעגעבן געוואָרן אַ גאַנצע ריי אומזיסטע ספּעציעלע צוגן.

די דאָזיקע הילף איז פאַר אונז געווען נאָך מער וויכטיק דערפאַר, ווייל די שטאָטישע פינאַנסן האָבן זיך געפונען דאַן אין אַ טרויעריקן צושטאַנד. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אויסער די אויבנדערמאָנטע הוצאות האָט מען געקענט נאָך עטוואָס באַקומען פון דער שטאָט=קאַסע פאַר די באַדערפענישן פון דער יידישער קהילה, אָבער ביי די באַדינגונגען, וואָס האָבן געהערשט אין פעברואַר מאָנאַט 1916 האָט מען נאָך אַלעמען קיין סך טאַקע ניט געקאָנט דערגרייכן.

כדי צו דעקן די איבעריקע הוצאות פון דער יידישער קהילה וואָלט מען געמוזט אָנקומען צו אַ ספּעציעלן יידישן קהילה=שטייער לויטן מוסטער פון די קהילה=שטייערן אין דייטשלאַנד, וואָס איז געווען שוין ניט קיין שווערע זאַך.

וואָס איז שייך דער פאַררעגיסטרירונג פון אַרבעטספּעאיקייט איז אין אַ גאַנצער ריי באַראַטונגען פון בירגערמייסטער א י כ ל ע ר צוזאַמען מיט אונז און מיט די פּאָליאַקן אויסגעאַרבעט געוואָרן

אַ טעאָרעטיש גאַנץ שטרענגע רעגיסטראַציע, וועלכע האָט געדאַרפט דורכגעפירט ווערן אויף די אומזיסטע ברויטקאַרטן און אויסגענוצט ווערן נאָר מיטן צוועק צו באַזייטיקן וואָס מער אַרבעטספעאיקע פון באַנוצן זיך מיט תמיכה.

צום באַדויערן, איז שוין דאַן אויסגענומען געוואָרן פון דער דייטשער מאַכט, אַז אַלע אַרבעטספעאיקע פערזאָנען, וועלכע באַנוצן זיך מיט וואוילטעטיקער שטיצע און ווענדן אין משך פון אַ געוויסער צײַט ניט באַקומען קיין אַרבעט, וועלן צוגעצויגן ווערן צו צוואַנגסאַרבעט. דער דאָזיקער, פאַר שלום=צייט אַפילו אויך זייער שטרענגער, אָבער דאָך צוועקמעסיקער תנאי, וועלכער צווינגט די אַרבעטספעאיקע מענטשן ניט פאַרזעסן ווערן צו לאַנג אויף אומזיסטן ברויט, — איז אין די תנאים פון מלחמה=צייט געוואָרן אַ דראַקאָניִשער געזעץ. ניט קוקנדיק דערויף, האָט דער דאָזיקער תנאי פונדעסטוועגן ניט אָפּגעווײַנט קיין סך צו באַנוצן זיך איבעריקע צייט מיט דער תמיכה, נאָר האָט געצוואונגען זיי אַרומצוגיין דעם געזעץ, באַקומענדיק די שטיצע אויפן נאָמען פון די ניט אַרבעטספעאיקע פאַמיליע=מיטגלידער. די רעגיסטראַציע ווידער פון די פרנסות און אַרבעטספעאיקייט פון גאַנצע פאַמיליעס, וועלכע האָט זיך פּראָיעקטירט לכתחילה, האָט זיך צוליב דער האַרבקייט און קאָמפּליצירטקייט פון דעם ענין ניט געלאָזט דורכפירן. בשעת אָבער אין אַ האַלב יאָר אַרום איז אײַנגעפירט געוואָרן אַ צוואַנגס=רעגיסטראַציע פון דער אַרבעטספעאיקייט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, האָט די אויבנדערמאָנטע גזרה פאַרלאָרן איר גאַנצע שאַרפקייט.

הגם די רעגיסטראַציע פון דער אַרבעטספעאיקייט האָט בלתי שום ספק באַגרעניצט די מיסברויכן אין באַנוצן זיך מיט דער תמיכה, האָט זי בכלל אָבער ניט געגעבן די רעזולטאַטן, וועלכע מ׳האָט פון איר ערוואַרט...

אויף אַזאַ אופן, איז דער פּלאַן צו אָרגאַניזירן די הילף פאַר דער נויטבאַדערפטיקער יידישער באַפעלקערונג דורך אייגענע כוחות פאַרווירקלעכט געוואָרן אין אַ גאַנץ קנאַפּער מאָס.

סוף פעברואַר האָבן מיר באַקומען די ערשטע 50,000 מאַרק פון אַמעריקע דורך דעם בערלינער „הילפס=פאַראיין פון די דייטשע יידן״. מ׳האָט אונז אויך מבטיח געווען אויף דער צוקונפט אַרויסצושיקן מאָנאַטלעך די זעלבע סומע.

דער ערשטער פועל=יוצא פון די אָנגעקומענע אַמעריקאַנער געלטער איז געווען, וואָס די שטאָטישע זעלבסטפאַרוואַלטונג האָט אָפּגעזאָגט אונז אין אומזיסטע פּראָדוקטן פאַר אונזערע קיכן. אויך ווייטער האָבן אַלע אונזערע בקשות וועגן שטיצע פאַר דער אָדער יענער וואוילטעטיקער אַנשטאַלט ניט געהאַט ביי דער זעלבסטפאַרוואַלטונג קיין שום ערפאָלג אויף דעם סמך, וואָס „איר באַקומט דאָך מאָנאַטלעכע שטיצע פון אויסן און אַנדערע באַקומען דאָס ניט!״ דערויף האָבן מיר בלויז געקענט ענטפערן, אַז „אַנדערע״ ד. ה. קריסטן, זיינען מער פאַרזאָרגט מיט אַרבעט סיי אין דייטשלאַנד סיי דער עיקר ביי אונז אין די דערפער.

ניט קוקנדיק אָבער אויפן גאַנצן געוויכט און דער אומבאַשטרייטלעכקייט פון דעם דאָזיקן אַרגומענט, האָט מען אויף אים ווייניק אַכט געלייגט. די אַמעריקאַנער געלטער זיינען דעריבער קודם=כל געווען אַ טובה פאַר דער קריסטלעכער באַפעלקערונג: זי גאַנצע תמיכה, וועלכע איז ביז אַהער געגעבן געוואָרן דורך דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג און האָט געקענט געגעבן ווערן אויך אונז, איז איצט אָנגעקומען נאָר איר. די אַלטע אומגערעכטע פאַרטיילונג פון די רעכט און פליכטן אין דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג, לויט וועלכער די יידן האָבן געצאָלט דעם גרעסטן טייל שטייערן און האָבן ניט באַקומען כמעט קיין תמיכה, — איז אַזוי=אַרום לעגאַליזירט געוואָרן דווקא ביי די נייע און זייער וויכטיקע פאַרהעלטענישן... און בשעת מיר האָבן אין אייניקע חדשים אַרום אָנגעהויבן אַנשטאָט 50 טויזנט מאַרק אַ חודש צו באַקומען פונקט צוויי מאָל אַזוי פיל, האָט מען שוין ניט געטאָרט דערמאָנען דער מאַכט אַפילו וועגן שטיצע פאַר דער יידישער באַפעלקערונג...

דער צווייטער פועל=יוצא פון די אַמעריקאַנער געלטער איז געווען, וואָס ס׳האָט זיך כמעט מער ניט אײַנגעגעבן דורכצופירן געלט=זאַמלונגען צווישן די ווילנער יידן גופא, וואָרים יעטווידערער האָט באַגעגנט דעם זאַמלער מיטן פאָרוואורף: „סטייטש! איר באַקומט אַזוי פיל געלט פון בערלין און אַייך איז נאָך אַלץ ווייניק!״ — דאָס איז געווען אַ טיפּישער ענטפער. בכלל האָבן די ווילנער יידן אין משך פון חדשים זיך אָפּגעווײַנט מנדב צו זיין אויף יידישע כלל=באַדערפענישן, און דער פּלאַן צו באַשטייערן די צאָלונגספעאיקע ווילנער יידן לטובת די אַנשטאַלטן איז במילא בטל געוואָרן. וואָס איז דער חידוש דעריבער, אַז וויפיל דער צ. ק. האָט ניט באַקומען קיין געלט, איז אַלץ ווייניק געווען. תחילת האָבן מיר באַקומען 50,000 מאַרק און ס׳איז געווען קנאַפּלעך, נאָכדעם האָבן מיר אָנגעהויבן צו באַקומען צו 100,000 מאַרק און ס׳האָט אַלץ ניט געקלעקט, הגם די צאָל היימלאָזע האָט זיך שטאַרק פאַרקלענערט.

וואָס ווייטער האָבן די נויטבאַדערפטיקע אַלץ מער צוגעווײַנט זיך צו קצבה, זיינען געוואָרן אמתע אָרימעלייט, וועלכע זיינען ניט פעאיק ניט צו אַ זעלבשטענדיקן קיום, ניט צו ראַנגלען זיך מיט זייער נויט. דערפאַר טאַקע, אַז ס׳פלעגט אַמאָל טרעפן, אַז דאָס געלט פון בערלין פלעגט פאַרשפּעטיקן אָדער פלעגט אַ חודש אינגאַנצן ניט אָנקומען, איז דאָס געוואָרן אין פולן זין פון וואָרט אַ קאַטאַסטראָפע. וועגן דער מעגלעכקייט, אַז דאָס געלט זאָל אינגאַנצן אויפהערן אָנצוקומען פון אַמעריקע — איז גאָר שרעקלעך געווען אַ טראַכט צו טאָן!

די פּאָליאַקן האָבן זיך אײַנגעאָרדנט אין דער דאָזיקער שווערער צייט אַ סך בעסער. אמת, ביי זיי זיינען געווען געלט-סומען גרעסערע, ווי ביי די יידן; אַחוץ דעם זיינען צו זייער דינסט געווען גרעסערע סובסידיעס פון דער שטאָט=קאַסע, דערין אויך דער רעשט פון דער שטאָט=הלוואה, ניט ריידנדיק שוין וועגן די גאַנץ היבשע דערנערונגס=זאַפּאַסן. אַז אויף זייער השגחה איז געווען אין צווייען ווייניקער היימלאָזע, ווי ביי יידן, און אַז די קריסטלעכע מאַסע האָט געהאַט מער אַרבעט סיי אויסער ווילנע, סיי אין ווילנע גופא, איידער די יידישע מאַסע, וואָס איז באַשטאַנען מײַסטנס פון דורכן קריג רואינירטע האַנטווערקער און הענדלער, — דערויף איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן.

די פּאָליאַקן האָבן באַקומען פון אויסן זייער גרויסע סומען געלט, דער עיקר דורך... אייגענע מענטשן, אָבער ניט דורך דער פאַרוואַלטונג („Verwaltung“) ווי די יידן, וועלכע האָבן געדאַרפט באַצאָלן דערפאַר — צו 10 פּראָצ. לטובת די ניט=יידישע אַנשטאַלטן און האָבן דערצו נאָך אַ יטלעכס מאָל ביים באַקומען געלט אַרויסגערופן קנאה און אַ ליאַרעם... ביי די פּאָליאַקן איז דאָס געלט גרעסטנטיילס אויסגעגעבן געוואָרן אויף נאַציאָנאַלע צוועקן. אויף „נאַציאָנאַלער פּראָפּאַגאַנדע״ אָדער, ריכטיקער, אויף דער אַסימילאַציע פון די ווייסרוסן און ליטווינער...

ביי יידן איז מיט גרויס מי געלונגען אָפּצורייסן 10 פּראָצ. פון די באַקומענע גרויסע געלט=סומען אויף נאַציאָנאַלע שולן, די גאַנצע איבעריקע סומע איז אײַנגעזונקען אין צדקה=תהום...



ד״ר יעקב וויגאָדסקי.

# די צוואַנגסאַרבעט בעת דער דייטשער אָקופּאַציע.

I.

אַחוץ דער פרייער אַרבעט, ווען דער אַרבעטער אָדער זיין פאָרשטייער באַדינגט זיך מיט דעם אַרבעטסגעבער, שליסט מיט אים אַן אָפּמאַך וועגן די תּנאים, אויף וועלכע ער איז מסכים צו אַרבעטן, — האָבן די דייטשן אין ליטע, ווי אומעטום אין די לענדער, וואָס זיי האָבן אָקופּירט, אַיינגעפירט נאָך אַ צוואַנגסאַרבעט. דאָ האָט שוין דער אַרבעטער זיין דעה ניט געטאָרט אַרויסזאָגן; זיין אַרבעטסגעבער, די דייטשע מאַכט, האָט אים מיט גוואַלד פאַרכאַפּט אויף דער אַרבעט און אים געצוואונגען אויסצופירן זי אויף דעם אופן און אויף די תּנאים, וואָס זי, די דייטשע מאַכט, האָט אַליין באַשטימט. די אַרבעטער זיינען ניט געווען פריי און האָבן, אונטער דער סכּנה דערשאָסן צו ווערן פאַר ניט פאָלגן, געמוזט טאָן אַלץ, וואָס מ׳האָט זיי געהייסן.

אַזאַ צוואַנגסאַרבעט האָט געגעבן די דייטשן די מעגלעכקייט אויסצוזויגן פון דעם אַרבעטער אַלע זיינע כּוחות כּמעט אומזיסט און פּטור צו ווערן פון אים, ווי באַלד ער האָט שוין ניט געקענט מער אַרבעטן. די דייטשן האָבן איטלעכס לאַנד, וואָס זיי האָבן איינגענומען, באַטראַכט פאַר זייער אייגנטום; אַלערליי קאַפּיטאַלן פון אַזאַ לאַנד און אַפילו די לעבעדיקע אַרבעטסקראַפט פון זיין באַפעלקערונג האָט געהערט זיי און האָט געמוזט פאַרווענדט ווערן נאָר לטובת דעם דייטשן פאָטערלאַנד.

פון דעם דאָזיקן אכזריותדיקן שטאַנדפּונקט אויס איז די צוואַנגסאַרבעט, די שווערסטע קאַטאָרגע, וואָס די דייטשן האָבן אַיינגעפירט אין ליטע, געווען גאַנץ „נאַטירלעך", ווייל פאַר זיי איז דאָס געווען נוצלעך.

די דייטשן אָבער האָבן, ווי זייער מנהג איז שטענדיק געווען, ערשט ביסלעכווייז צוגעגרייט די אָרטיקע באַפעלקערונג צו זייער פּלאַן.

אָנגעהויבן האָבן זיי גאָר פון ווייטן און גראָד עפּעס ווי „על־פּי צופאַל" פון יידן...

איך האָב שוין אין מיין אַרטיקל „ווילנע אין וועלטקריג", קאַפּיטל IV, דערציילט, ווי אַזוי מיר האָבן, צוליב אונזער פאָדערונג, אַז די שטאָט־פאַרוואַלטונג זאָל אויסהאַלטן די יידישע צדקה־אַנשטאַלטן, געמוזט מסכּים זיין אויף אַ רעגיסטראַציע פון דער אַרבעטספעאיקער באַפעלקערונג, כּדי די צדקה זאָל פאַרטיילט ווערן נאָר צווישן מענטשן, וואָס קענען ניט אַרבעטן. דאָס איז געווען געוויס ריכטיק. צום אומגליק איז דאָס שווערסטע אין דער דאָזיקער פּראָבלעם — צו מאַכן אַ חילוק צווישן די וואָס ווילן אַרבעטן און האָבן קיין אַרבעט ניט, און די, וואָס ווילן לגמרי ניט אַרבעטן. אָפּזאָגן פון שטיצע אַלעמען, וואָס האָבן קיין אַרבעט ניט, וואָלט געווען געוויס אַ גרויסע עוולה.

על־כּל־פּנים האָט מען דאָך געמוזט איינפירן אַ שטרענגע רעגיסטראַציע. עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז איטלעכע פּערזאָן, וואָס באַקומט שטיצע לענגער פון 10 טעג און קען אַרבעטן, מוז צוגעצויגן ווערן צו דער צוואַנגסאַרבעט. די פּרטים פון דער צוואַנגסאַרבעט האָבן די דייטשן ניט אויסגעזאָגט; זיי האָבן נאָר געשראָקן, אַז דאָס איז אַ „שווערע" אַרבעט.

די יידישע „מקבּלים" האָבן זיך זייער דערשראָקן פאַר דער צוואַנגסאַרבעט; אַ סך זיינען געקומען בעטן זיך רחמים — „מ׳זאָל זיי אויסמעקן פון בוך!" אַנדערע האָבן איבערגעשריבן זיך אויף זייערע קראַנקע ווייבער, וואָס האָבן ניט געטויגט פאַר אַרבעט. דער גרעסטער רוב האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן טאַקע פאַר אומאַרבעטספעאיק.

דער גאַנצער אויפטו מיט דער רעגיסטראַציע האָט געבראַכט אַ געוויסן נוצן, ווייל ער האָט געצוואונגען אַ געוויסן טייל צדקה־בעטלער, וואָס האָבן געטויגט פאַר אַרבעט, ווערן אויס בעטלער.

די דייטשן אָבער, וואָס האָבן געזוכט וואָלוועלע אַרבעטער, האָט ער כּמעט גאָרניט געגעבן. זיי האָבן אָבער נייטיק, ווי לעבן, באַדאַרפט אַרבעטער; האָבן זיי אָנגעהויבן פאָרצולייגן, אַז מיר, די פאָרשטייער פון די נאַצ. קאָמיטעטן, זאָלן זיי געבן אַרבעטער, איינמאָל פאַר פעלדאַרבעט, דעם צווייטן מאָל — פאַר ערדאַרבעט, דעם דריטן מאָל — פאַר סתּם אַרבעט ערגעץ־וואו „אין מערב" א. אַז. וו., א. אַז. וו.

מיר פלעגן זיך מישב זיין צווישן זיך און פלעגן דאָך... מורא האָבן צו ריזיקירן מיט אונזערע אַרבעטער: עפּעס וועגן שכירות, וועגן עסן און טרינקען, וועגן דירות און אַרבעטס־תּנאים פלעגט מען ריידן אַזוי ניט קלאָר, האַלבע ווערטער, אַז דער גאַנצער פאָרשלאָג פלעגט פאָרקומען פאַרדעכטיק. מ־רערע מאָל האָב איך און דער דאַמאָלסטיקער פאָרזיצער פון „בונד", יוסף איזביצקי, זיי פאָרגעלייגט, אַז מיר קענען זיי צושטעלן 5000 יידישע אַרבעטער און צו יעדער צייט, נאָר זיי זאָלן אונז גאַראַנטירן אַ געוויסן אַרבעטס־לוין און די געוויינטלעכע תּנאים, וואָס אונזערע אַרבעטער פאָדערן ביי דער אַרבעטס־בערזע. אויף דעם דאָזיקן פאָרלייג פלעגן זיי קיינמאָל ניט איינגיין; דערפון איז דאָך געווען קלאָר געדרונגען, אַז זיי ווילן האָבן דווקא „וואָלוועלע" אַרבעטער, לכל־הפּחות...

וואָס ווייטער אָבער האָבן די דייטשן אָנגעהויבן צו שרעקן אונז, אַז, היות ווי זיי נייטיקן זיך אין אַרבעטער, און אויף אַלע זייערע „אויפרופן" צו דער אָרטיקער באַפעלקערונג, זי זאָל זיך מעלדן אויף אַרבעט, קומען אָדער עטלעכע מענטשן אָדער קיינער ניט, זיינען זיי מתרה, אַז סוף־כּל־סוף וועלן זיי „מוזן" אַריבערגיין צו שטרענגע מיטלען, כּדי צו צווינגען די אַרבעטער שטעלן זיך צו זיי אויף אַרבעט.

מען האָט באַלד גענומען בעטן יוסף איזביצקין, ער זאָל זיי „ווייזן" אַלע רשימות פון די אַרבעטער, וואָס זיינען פאַרשריבן אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ביי מיר האָט מען זיך ניט געשעמט בעטן אַלע „ליסטעס" פון די פּערזאָנען, וואָס באַקומען שטיצע אין די צדקה־חברות און אַנשטאַלטן. נאַטירלעך, האָבן מיר זיך מיט אַזוינע זאַכן ניט גערוקט...

איך האָב שוין אין פאָריקן אַרטיקל דערמאָנט וועגן דער זיצונג ביים בירגערמייסטער אייכלער, ווען מ׳האָט אונז, עטלעכע

מענטשן, פאָרשטייער פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע גרופּעס, פאָרגעלייגט צו באַטראַכטן די שאלה, אויף וועלכן אופן און מיט וועלכע מיטלען וואָלט מען געקענט צוציען צו דער אַרבעט די־יענ־קע, וואָס טויגן פאַר אַרבעט, ווילן אָבער ניט אַרבעטן.

„אין אַזאַ צייט, ביי אַזאַ וועלט־מלחמה, האָט דער בירגער־מייסטער ג. זאָגט, ווען ביי אונז, למשל, אין דייטשלאַנד, זיינען אַלע אָדער כמעט אַלע אַריינגעצויגן געוואָרן אין מיליטער־דינסט אָדער אין דער אַרבעט, זעען מיר, ווי דאָ ביי אייך גייען אַרום ליידיק זייער פיל יונגע־לייט, וואָס האָבן זיך אַרויסגעדרייט פון דינסט און פון אַרבעט אי ביי די רוסן, אי ביי אונז. די נויט פון דער באַפעלקערונג ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ גרעסער. מיר, דייטשן, האָבן אויך אַ גרויסן דוחק אין אַרבעטער. מוזן מיר טראַכטן, ווי אַזוי צו געבן דער אָרימער באַפעלקערונג אַר־בעט פון איין זייט און ווי אַזוי צוצושטעלן דער דייטשער מאַכט גענוג אַרבעטער פון דער אַנדער זייט!“

דער בירגערמייסטער האָט נאָך צו זיין ניט אויסגעהאַלטע־נער דרשה מוסיף געווען, אַז לויט דער האַאַגער קאָנ־ווענציע האָבן זיי, די דייטשן, דאָס רעכט כלומרשט צו נע־מען מיט גוואַלד פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג אַרבעטער, וויפיל זיי דאַרפן האָבן, נאָר „ווירזינד דאָך קיינע באַרבאַרען“— ווילן זיי דאָס בעסער מאַכן מיט גוטן.

מיר האָבן פאָרגעלייגט דעם בירגערמייסטער צו געבן אים גענוג אַרבעטער, אָבער אויף די געוויינטלעכע תּנאים פון דער אַרבעטסבערזע. „דאָס קען איך ליידער ניט אָננעמען!“ האָט געענטפערט דער בירגערמייסטער. ער האָט פון זיין זייט פאָרגעלייגט, אַז די פאָרשטייער פון אַלע נאַציאָנאַלע קאָמיטעטן און פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זאָלן זיך ווענדן מיט אַן אויפרוף צו דער אָרטיקער באַפעלקערונג, זי זאָל זיך פאַרשרייבן אויף אַרבעט.

ווי איך האָב שוין דערציילט, זיינען מיר דורך דעם הונ־גער אין שטאָט געצוואונגען געווען דעם אויפרוף אַרויסצולאָזן. אין דעם יידישן הילפסקאָמיטעט אַליין האָבן זיך פאַרשריבן אויף אַרבעט איבער 3000 אַרבעטער! אין דער פּראָפעסיאָנעלער קיך האָבן זיך פאַרשריבן, ווען איך האָב קיין טעות ניט, ביז 2000 מאַן! צווישן די יידן, וואָס האָבן זיך פאַרשריבן אויף אַרבעט, איז געווען אַ היבש ביסל אינטעליגענטן און אויך די אַזוי גערופענע „בעל־הבתישע קינדער“, וועלכע דער שרעקלעכער הונגער האָט געטריבן כאָטש אויף וועלכער עס איז אַרבעט...

באַלד אָבער האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסצווייזן, אַז די „דייטשע אַרבעט“ איז גאָר ניט די, פון וועלכער דער בירגער־מייסטער האָט, אפשר על־פּי־טעות, גערעדט: די ערשטע זאַך האָט מען דעם רוב עולם איינגעשלאָסן אין טורמעס און אין מיליטע־רישע לאַגערן און אַזוי געהאַלטן זיי 2—3 וואָכן, איידער מען האָט זיי אַוועקגעשיקט אויף דער אַרבעט. קיינעם האָט מען צו זיי ניט צוגעלאָזן.

די אַרבעט גופא איז געווען דורכאויס אַ שווערע ערדאַר־בעט, דער רעזשים אין די אַרבעטער־באַטאַליאָנען איז געווען אַ אכזריותדיקער, אַ שטרענג מיליטערישער. פאַר ניט פלייסיק אַר־בעטן, פאַר יעדן וואָרט כמעט פלעגט מען שלאָגן אויפן דייטשן שטייגער: ניט געאיילט, קאַלט, סיסטעמאַטיש, אָן שום רחמנות.

די אַרבעט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן לעבן שטאָט, האָט זיך, וואָס ווייטער, אַלץ מער און מער אָפּגערוקט פון שטאָט, און האָט זיך באַלד פאַרקליבן ביז אויף די פראָנטן. באַזונדערס שווער איז געוואָרן די לאַגע פון די אַרבעטער מיט דעם אָנהייב פון האַרבסט און דעם זעלטן שווערן ווינטער פון 1916—1917.

ווי נאָר די ידיעות וועגן די דאָזיקע צרות זיינען דערגאַנ־





גען צו אונז, האָב איך צוזאַמען מיט יוסף איזביצקי גענומען פאָ־דערן פון דער דייטשער מאַכט, זי זאָל האַלטן אירע הבטחות און זאָל אַוועקלאָזן די אַרבעטער, וואָס ווילן אָדער קענען אונטער אַזוינע שווערע תּנאים ניט אַרבעטן. אָט דאָ האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז די אָרטיקע מאַכט האָט שוין קיין שייכות ניט צו די דאָזיקע אַרבעטער; ווי באַלד זיי זיינען נאָר אַריינגעפאַלן אין די מיליטערישע הענט, זיינען זיי געשטאַנען שוין אונטער אַ פעלד־מיליטערישער קאָמאַנדע מיט אַייזערנער אומברחמנותדיקער דיס־ציפּלין. די אַרבעטער אונזערע האָט מען גלייך אַריינגעשליידערט אין דער מאָוימדיקער „צוואַנגסאַרבעט“. עטלעכע צענדליק אַרבע־טער האָט זיך איינגעגעבן צו באַפרייען, ביי אַ פּאָר הונדערט זיינען אַנטלאָפן; די גאַנצע מאַסע אָבער איז נעבעך פאַרבליבן אין דעם גהינום פון דער דייטשער „צוואַנגסאַרבעט“.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן אויפגעהערט צו פאַרשרייבן מער אַרבעטער אי אין קאָמיטעט, אי אין דער פּראָפעסיאָנעלער קיך; די ליסטעס, וואָס זיינען נאָך געווען ביי אונז, האָבן מיר מער די דייטשן ניט איבערגעגעבן. אַלע ווייטערדיקע בקשות און באַ־פעלן פון די דייטשן, אַז עס זאָלן זיך מעלדן אַרבעטער, זיינען פון דאַמאָלסט אָן געווען אומזיסט: קיינער כמעט פלעגט מער ניט קומען.

עס האָט די דייטשן אויך ניט געהאָלפן זייער התראה צו כאַפּן מיט גוואַלד אויף אַרבעט.

---

## II.

עס האָט זיך אָבער, צום אומגליק, באַלד אַרויסגעשטעלט, אַז די התראה איז געווען ניט אויפצופּלייסן.

סוף האַרבסט 1916 האָבן די דייטשן איינגעפירט אַ אומ־דערהערטע, באַרבאַרישע עקזעקוציע: אינדערפרי פלעגן זיך דייט־שע פּאַטרולן אין פאַרשיידענע ערטער פון שטאָט אַרויפוואַרפן כמעט אויף אַלע מאַנסביל, וואָס פלעגן גיין אויף דער גאַס, ווען זיי זיינען נאָר ניט געווען צו אַלט, און פלעגן זיי אַוועקפירן אין תּפיסה און פון דאָרטן אין די אַרבעטער־באַטאַליאָנען. דאָס דאָזיקע ציִבּ רפאַלן אומשולדיקע מענטשן אין דער גאַס, דאָס כאַפּן זיי און דאָס אַוועקפירן האָט שטאַרק דערמאָנט די הינט־כאַפּעריי. און אַזעלכע שרעקלעכע און ווילדע סצענעס האָט מען זייער אָפט דאַן געקענט זען אין ווילנע אויף די גאַסן, אין די פרימאָרגן־שעהן.

אַלע אונזערע פאָדערונגען און פּראָטעסטן האָבן כמעט גאָר ניט געהאָלפן. די איינציקע הנחה, וואָס די דייטשן האָבן געמאַכט איז געווען, וואָס מען פלעגט, פון אָנהייב—לכל־הפחות, אַרויסלאָזן אַלעמען וועגן וועמען איך פלעג שרייבן, אַז זיי זיינען קראַנק, אַז זיי האָבן אַרבעט, אַז זיי האָבן ניט ווייניקער ווי צוויי קינדער וכדומה. ווי באַלד אָבער די צאָל פון די געפאַנגענע, וועלכע איך האָב אויף אַזאַ אופן רעקלאַמירט, האָט דערגרייכט די הייך פון עטלעכע הונדערט מענטשן, האָט מען שוין אָנגעהויבן צו דרייען און מען פלעגט שוין באַפרייען נאָר אַ טייל פון זיי און וואָס ווייטער—אַלץ אַ קלענערן טייל...

ווי שטענדיק איז, „געוויס על־פּי צופאַל“, דער רוב פאַר־כאַפּטע מענטשן געווען יידן. איינמאָל, באַזוכנדיק וועגן די דאָ־זיקע בזיונותדיקע מעשים די העכסטע באַאַמטע פון דער „עטאַפּן־אינספּעקציאָן“, האָב איך זיי אָפן געפרעגט:

— פאַרוואָס כאַפּט איר אויף אַרבעט דער עיקר יידן? איר זאָגט דאָך, אַז איר „זייט ניט קיין רוסן“, אַז ביי אייך „איז דאָ איין פּרינציפּ — גלייכבאַרעכטיקונג!“

דער „הער אָבערסט" איז געוואָרן רויט און שטאַרק אין כּעס אויף מיר פאַר אַזוינע פרייע ווערטער, האָט אַ קורצע צייט געשוויגן, אײַנהאַלטנדיק זיך מסתמא פון אַ צו גראָבן וואָרט, און האָט נאָכדעם מיט גרימצאָרן און מיט גאווה צו מיר געזאָגט:

— איידער מען ערלויבט זיך אונז אַזוי צו באַשולדיקן, מוז מען פריער פעסטשטעלן די פאַקטן און וויסן, אַז דאָס איז אמת!

— הער אָבערסט! האָב איך געענטפערט העפלעך,—איך האָב טאַקע פריער די פאַקטן פעסטגעשטעלט!

דאָ קען זיך האַנדלען, הער דאָקטאָר, נאָר אום אָפּצאָל!— האָט ער מיר געענטפערט און איז אַריבער תיכף=ומיד צו אַנדערע ענינים.

דער טומל, וואָס מיר האָבן אויפגעהויבן אין ווילנע און אין אַנדערע ערטער וועגן דער ווילדער און מיאוסער מענטשנכאַפּעריי, האָט געמאַכט אויף די דייטשן אַ געוויסן רושם: זיי האָבן מורא געהאַט, ווי שטענדיק, מען זאָל זיך דערפון ניט דערוויסן אין די נייטראַלע לענדער, באַזונדערס אין אַמעריקע. אַחוץ דעם איז ביי דעם כּסדר וואַקסנדיקן קאָלאָסאַלן דוחק אין אַרבעטער, געווען גרינג צו פאַרשטיין, אַז אויף דעם דאָזיקן אופן קען זיי ניט געלינגען צו באַפרידיקן די גרויסע נויט אין אַרבעטער.

מען האָט געמוזט זוכן אַן אַנדער מיטל, וואָס זאָל ניט האָבן אַזאַ בעסטיאַלישע פאָרם און זאָל גלייכצייטיק קענען טיפער פאַקן די ברייטע פאָלקסמאַסן און ברייטער זיי אַריינשלעפּן אין דער דייטשער צוואַנגסאַרבעט.

די דייטשע ביוראָקראַטישע אָרגאַניזיר=מאַשין האָט באַלד אויסגעאַרבעט אַ נייעם פרישגעבאַקענעם פּלאַן.

דעם 6=טן נאָוועמבער 1916 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן פון ש ט אָ ט ה ו י פּ ט מ אַ ן אין פאַרטרעטונג פּ י ל ץ, אַזאַ מודעה:

„אויפן יסוד פון דער פאַראָרדענונג פון הער אייבערקאָמאַנדיר פון 20=טן אָקטאָבער 1916 ווערן אַרויסגערופן צו שטעלן זיך צו דער אונטערזוכונג אויף אַרבעטסטויגלעכקייט די מאַנסביל, אײַנוואוינער פון שטאָטקרייז ווילנע אין עלטער פון פולע 17 יאָר אָן ביז פולע 60 יאָר. צוערשט מוזן זיך שטעלן די מאַנסביל, וואָס האָבן באַקומען אָבעראָסטפּעסער, אַרויסגעגעבן אין ווילנע מיט די №№ 1—45,000 (דאָ ווערן אָנגעגעבן 15 פּונקטן, אין וועלכע יעדע 3000 נומערן דאַרפן זיך אין אַ באַשטימטן טאָג און שעה מעלדן). פון שטעלן זיך צו דער אונטערזוכונג אויף אַרבעטסטויגלעכקייט זײַנען באַפרייט: גייסטלעכע און באַאַמטע פון קירכן, כּלי=קודש און תּלמידים פון ישיבות, שילער פון דער קאַטוילישער גלחים=סעמינאַריע, לערער, דאָקטוירים, צאָן=דאָקטוירים, וועטערינאַרן, פעלדשערס און אַפּטייקערס. אַחוצדעם זײַנען באַפרייט פון שטעלן זיך צו דער אונטערזוכונג און פון אַרבעט אויף 6 חדשים די פאַרמעגלעכע און פון קערפּערלעכער אַרבעט אָפּגעוויינטע אײַנוואוינער, וועלכע וועלן אין דעם טאָג, וואָס לויט דעם נומער פון זייער פּאַס וואָלטן זיי זיך באַדאַרפט שטעלן צו דער אונטערזוכונג, אײַנצאָלן ביים שטאָטהויפּטמאַן (שטאָטקרייזאַמטקאַסע) 600 מאַרק, וויײַזנדיק זייער פּאַס. די אײַנגעצאָלטע סומעס וועט מען פאַרווענדן אויף צושטעלן וואַרימע בגדים פאַר די, וואָס וועלן מחויב זײַן צו אַרבעטן און אויף שטיצע די נויטבאַדערפטיקע פאַמיליעס פון אַזוינע אַרבעטער. די שוץשײַנען, וואָס זײַנען ביז אַהער אַרויסגעגעבן געוואָרן פון אָפיציעלע קאַנצעלאַריעס אָדער פון באַאַמטע, באַפרייען ניט פון שטעלן זיך צו דער אונטערזוכונג אויף אַרבעטסטויגלעכקייט. די פּערזאָנען, וואָס האָבן מחמת זייער קראַנק זײַן זיך ניט געקענט מעלדן, דאַרפן ביז דעם טאָג, וואָס איז באַשטימט פאַר





זייער אונטערזוכונג, צושטעלן ביי דעם דייטשן שטאָטהויפּטמאַן (רעקלאַמאַציאָנס=ביוראָ) אַ מעדיצינישע באַשטעטיקונג פון זייער קראַנקהייט. ווער עס וועט אָן אַ ריכטיקן טעם ניט שטעלן זיך צו דער אונטערזוכונג, וועט לויט די §§ 88, 90, 10 פון דעם פאַרוואַלטונגסבאַפעל אָבאָסט פון 1916.6.7 אין פאַרבינדונג מיט דער פאַראָרדענונג פון הער אייבערקאָמאַנדיר אָסט פון 1916.10.20 באַשטראָפט ווערן מיט אַרעסט ביז 3 יאָר און מיט געלט ביז 10,000 מאַרק אָדער מיט איינער פון די ביידע שטראָפן, אויב נאָר לויט די הערשנדיקע געזעצן קומט ניט קיין האַרבערע שטראָף".

הגם די פיל געפּרובטע באַפעלקערונג פון ווילנע איז שוין צו דער דאָזיקער צייט גוט באַקאַנט געוואָרן מיט דער דייטשער פויסט בכלל און מיט דער דייטשער צוואַנגסאַרבעט בפרט, האָט זי זיך דאָך פאַר דער דאָזיקער מודעה שטאַרק דערשראָקן.

דעם 6=טן נאָוועמבער איז אין ווילנע געווען אַ אמתע פּאַניק. צענדליקער און הונדערטער מענטשן זײַנען אַרומגעלאָפן ווי פאַרסמטע, זוכנדיק פון וואַנען עס איז אַ גאולה. די גאַנצע אכזריות פון דער צוואַנגסאַרבעט איז געפאַלן אויף די ברייטע אַרבעטנדיקע פאָלקסמאַסן, וועלכע האָבן זיך ניט געקענט אויסקויפן פון דער צרה. דער גראָבער, מיאוסער ציניזם, מיט וועלכן מען האָט באַפרייט דעם פאַרמעגלעכן טייל פון דער באַפעלקערונג, האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די פאַרביטערונג פון דעם פאָלקס-מענטשן. איך בין געווען דעם גאַנצן טאָג באַלאַגערט פון אַ גרויסער מאַסע מענטשן, וועלכע האָט מיך פאַרגעהאַלטן, פאַרוואָס מיר טוען גאָרנישט, כּדי צו שיצן דאָס אָרימע פאָלק...

„פאַרוואָס זאָגט איר זיי גאָרנישט? אַייך וועלן זיי שוין הערן!"

בהסכּם מיט דעם הילפסקאָמיטעט האָב איך זיך צונויפגערעדט מיט די פּוילישע, ליטווישע און ווייסרוסישע כּלל=טוער (די הערן קאַגנאָוויצקי, ווענסלאַווסקי, ווילײַשיס, ברידער לוצקעוויטש און אַנדערע), כּדי צו אָרגאַניזירן ערגעץ=וואו אַ געהיימע זיצונג, אויף וועלכער מיר זאָלן באַטראַכטן די נייע גזרה און די מיטלען, וועלכע מיר מוזן אָננעמען, אויף צו שיצן פון איר די באַפעלקערונג.

די דערמאָנטע כּלל=טוער און נאָך אַ היבש ביסל אַנדערע, דערהויפּט לינקע פּאָליטיקער, צוזאַמען אַ מאַן 25—30, האָבן זיך נאָך דעמזעלביקן אָוונט פאַרזאַמלט אין דער דירה פון דעם געוועזענעם „אינטעליגענטן=קלוב", וואו מיר האָבן, נאָך אַ לאַנגן ישוב=הדעת, אָנגענומען אַזאַ באַשלוס:

א) די ווילנער באַפעלקערונג מוז זיך ווענדן מיט אַ מעמאָראַנדום צו „אָב—אָסט", ד. ה. צו פּרינץ לעאָפּאָלד פון בייערן, אין וועלכן עס זאָל אָנגעוויזן ווערן אויף דעם חורבן פון עקאָנאָמישן מצב פון ווילנע, וואָס מוז פאָרקומען, ווען די אויבנדערמאָנטע פאַראָרדענונג פון דעם שטאָטהויפּטמאַן זאָל דורכגעפירט ווערן; פאַראַליזירנדיק דורך דער גזרה דעם האַנדל און אינדוסטריע, וועלן די דייטשן מער פאַרלירן ווי געווינען; עס מוז אויך אויפגעוויזן ווערן אויף דער שטאַרקער סתירה צווישן דער דאָזיקער פאַראָרדענונג און דעם אינטערנאַציאָנאַלן רעכט.

ב) דעם דאָזיקן מעמאָראַנדום דאַרפן אונטערשרײַבן: 1) גייסטלעכע פון אַלע אמונות מיט דעם קאַטוילישן בישאָף בראש; 2) די פאָרזיצערס פון די פיר נאַציאָנאַלע קאָמיטעטן; 3) פאָרשטייער פון די אַרבעטער, בעלי=מלאכות, סוחרים, קלייןהענדלער, פון סאָציאַלער פאַרזאָרגונג און פון פּאָליטישע כּלל=טוער, יידישע און קריסטלעכע.

ג) כּדי אויסצואַרבעטן דעם מעמאָראַנדום אין 24 שעה זײַנען אויסגעקליבן געוואָרן אַדוואָקאַט ווראָבלעווסקי, קאַגנאָוויצקי, ד"ר שוויליס און איך.

אויף מאָרגן איז שוין דער מעמאָראַנדום געווען אויפגע-

שריבן, פון דער צווייטער פאַרזאַמלונג אָנגענומען און פון די אויבנדערמאָנטע פּערזאָנען אונטערגעשריבן.

אויף די ביידע פאַרזאַמלונגען, הגם עס האָבן זיך באַטייליקט אין זיי אויך רעכטע עלעמענטן, האָט זיך דאָך שטאַרק געשפּירט אַ לעבעדיקע רעוואָלוציאָנערע שטימונג, וואָס האָט געוועקט די האָפענונג, אַז מיר וועלן ניט בלייבן ביי די איידעלע ווערטער און ביי דער כשרער פאָרם פון דעם מעמאָראַנדום...

אויף דער לעצטער פאַרזאַמלונג איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ דעפּוטאַציע פון 6 מענטשן, וועלכע האָט באַדאַרפט איבערגעבן דעם מעמאָראַנדום דעם פאַרוואַלטונגסשעף און ברענגען דער פאַרזאַמלונג זיין תשובה. אָנשטאָט דעם פאַרוואַלטונגסשעף, וואָס איז געווען גראָד דעמאָלט אָפּגעפאָרן, האָט אונז צוגענומען זיין ממלא-מקום, וועלכע איז געווען אַרומגערינגלט פון אַ גאַנצער כאַליאַסטרע באַאַמטע פון פאַרשיידענע אינסטאַנצן. זיי האָבן שוין געוואַרט אויף אונז, ווייל מיר האָבן זיי אינדערפרי מודיע געווען, אַז מיר וועלן קומען.

מ'האָט אונז צוגענומען גאַנץ איידל, אויסגעפרעגט זיך וועגן פרטים און צום סוף האָט מען אונז צוגעזאָגט, אַז באַלד ווי דער שעף וועט קומען צוריק, אין אַ טאָג צוויי אַרום, וועט ער דעם מעמאָראַנדום איבערגעבן אין „אָבאָסט".

דעם דאָזיקן ענטפער מיט איניקע פרטים האָבן מיר איבערגעגעבן אונזער פאַרזאַמלונג, וועלכע האָט געוואַרט אויף אונז. אין דער פאַרזאַמלונג איז באַלד אַרויפגעשוואומען די שאלה — צי קען מען זיך באַגנוגענען מיט דעם מעמאָראַנדום און צי דאַרף מען אים ניט אונטערשטיצן מיט אַ *אַקטיוועריע* מיטלען? אויפוואַרפנדיק אָט די שאלה, האָב איך זי פאַרענטפערט אַזוי, אַז מיר מוזן אויסער דעם מעמאָראַנדום נאָך מאַכן אַ פיל אַקטיווערן טריט און ראַטן דער באַפעלקערונג, וועלכע וואַרט אויף אונזער תשובה און אונזער עצה, *אַז זי זאָל זיך ניט שטעלן אין די אָנגעגעבענע טעג צו דער אונטערזוכונג* (מוסטערונג). איך האָב זיך געהאַלטן ביי דער מיינונג, אַז אָן אַזאַ אַנטשלאָסענעם טריט וועט דער מעמאָראַנדום האָבן אַ גאַנץ קליינע ווירקונג: די דייטשן וועלן זיך, ווי געוויינטלעך, אַרויסדרייען מיט פּוסטע רייד און מיר וועלן בלייבן ביי גאָרנישט. קיינער האָט זיך ניט אַרויסגעזאָגט קעגן דעם; דער עולם איז אָבער געווען זייער פאָרזיכטיק: איניקע פון די, וואָס האָבן געטיילט מיין מיינונג, האָבן זיך ניט געוואָלט אַרויסזאָגן אויס מורא, אַז *די פּאָר נייע מענטשן*, וואָס זיינען אומגערופענערהייט געקומען אויף דער פאַרזאַמלונג, זאָלן ניט איבערגעבן וועגן דעם די דייטשן...

דער עולם איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיט דעם באַשלוס צו דערקלערן די ברייטע מאַסן דעם מצב, דערביי אָבער ניט אָפּריידן זיי און ניט צוריידן זיי גיין צו דער אונטערזוכונג.

מיר אָבער, עטלעכע מענטשן, האָבן אָפּגערעדט צווישן זיך, אַז יעדערער פון אונז זאָל אויף זיך נעמען דעם חוב נאָך דעם אייגענעם טאָג צונויפצורופן אַן אַסיפה פון פּאָליטישע כלל-טוער און אַגיטאַטאָרישע עלעמענטן צוזאַמען מיט היבשע נאַציאָנאַלע טיילן פון דער ווילנער באַפעלקערונג, כדי די שאלה וועגן ניט קומען צום אונטערזוכן זאָל באַטראַכט און פאַרענטפערט ווערן אין דעם רעוואָלוציאָנערן זין. איך האָב אויף מיר גענומען די אַגיטאַציע צווישן דער יידישער באַפעלקערונג; צו אַגיטירן צווישן די פּוילישע און ליטווישע טיילן האָבן זיך אָנגענומען באַוואוסטע לינקע כלל-טוער. אונזער חוב האָבן מיר אַלע געטאָן. איך האָב נאָך פאַרן איבערגעבן דעם מעמאָראַנדום צונויפגעשטעלט אַ צעטל פון מענטשן, וואָס מען דאַרף פאַרבעטן אויף דער אַסיפה. דעם אמתן ציל פון דער אַסיפה האָבן נאָר געוואוסט געציילטע טוער. דער יידישער „צ. ק." האָט מיך זייער געבעטן, איך זאָל צונויפרופן די



אַסיפה אין צ. ק. איך בין דערויף איינגעגאַנגען מיט דעם תנאי, אַז ביי דער טיר זאָלן שטיין *זיכערע מענטשן*, וואָס זאָלן קענען ערוב זיין, אַז קיין זייטיקע מענטשן וועט מען ניט אַריינלאָזן.. דעם תנאי האָט מען אָנגענומען, אָבער ניט דורכגעפירט: עס האָט זיך נאָך דער אַסיפה אַרויסגעוויזן, אַז צווישן פאַרבעטענעם עולם האָבן זיך אומבאַמערקט דורכגעגנבעט *צוויי דייטשע שפּיאָנען*!...

די אַסיפה איז אַריבער אין זייער אַ געהויבענער שטימונג. אויסגעקליבן פאַר פאָרזיצער, האָב איך, אַנאַליזירנדיק די שווערע לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן פאַר דער באַפעלקערונג, אויפגעוויזן, אַז מיר טאָרן זיך מער ניט לאָזן טרעטן פון די דייטשן מיט די פיס און מוזן פּראָטעסטירן ניט נאָר מיט ווערטער, נאָר אויך מיט מעשים, מיט זייער איינדרוקספולע רעדעס אין דעם זעלביקן זין זיינען אַרויסגעטראָטן אויף דער אַסיפה יוסף איזביצקי, רעואל גינזבורג און אַנדערע. בלויז איין רעדנער האָט זיך געפונען, וואָס איז געווען *קעגן* ניט שטעלן זיך צום אונטערזוכן... וואָלט איך געשטעלט די שאלה צום אָפּשטימען, וואָלט דאָס געווען, דוכט זיך, די איינציקע שטים *קעגן* דעם באָיקאָט פון דער דייטשער „מוסטערונג". מען האָט מיר אָבער גאָר צום סוף מודיע געווען, אַז אין דער אַסיפה זיינען דאָ צוויי פאַרדעכטיקע פּערזאָנען; איך האָב דעריבער געהאַלטן די אָפּשטימונג פאַר איבעריק און האָב פאָרגעלייגט די פאַרזאַמלטע פונאַנדערצוגיין זיך איבער דער גאַנצער שטאָט און געבן דער באַפעלקערונג די עצות, וואָס זיי וועלן געפינען פאַר נייטיק... דער פאָרלייג איז אָנגענומען געוואָרן פון דער אַסיפה, וועלכע איך האָב באַלד געשלאָסן.

דעם זעלביקן טאָג זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן ביי יידן, ווי ביי קריסטן נאָך עטלעכע אסיפות, דער עיקר פון אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך אויך אַרויסגעזאָגט אין דעם אָפּאָזיציאָנעלן זין.

אויף מאָרגן פרי האָט אַ ניט באַוואוסטע אָרגאַניזאַציע אויסגעקלעפּט אין שטאָט און פונאַנדערגעטיילט צווישן דער באַפעלקערונג אויף יידיש און פּויליש פּראָקלאַמאַציעס, אין וועלכע די דייטשע אויפפאָדערונג צו דער אונטערזוכונג אויף טויגלעכקייט צו אַרבעט איז געווען קריטיקירט אין דעם שאַרפסטן טאָן, און די דייטשן האָט מען געשראָקן מיט דעם, אַז סיי וועגן דעם, סיי וועגן זייער גאַנצער גזלעוואָיעדיקער באַהאַנדלונג פון דער אומגליקלעכער באַפעלקערונג פון ליטע, וועט מען מודיע זיין די נייטראַלע לענדער...

דעם ערשטן טאָג פון דער „מוסטערונג" האָט זיך קיינער ניט געשטעלט צו דער מעדיצינישער אונטערזוכונג; דעם צווייטן און דעם דריטן טאָג זיינען געקומען נאָר געציילטע מענטשן.

ערשט פון דעם פערטן טאָג אָן האָט זיך די דייטשן, דורך שרעקן דעם עולם מיט די גרעסטע שטראָפן און דורך אַרעסטירן אַ סך מענטשן, איינגעגעבן צוצוציען אַ היבשן עולם צו דער „מוסטערונג". די גאַנצע „מוסטערונג" האָט געדויערט **5** טעג פון **10** ביז **14** נאָוועמבער. סוף-כל-סוף איז פאָרט געבליבן אַ גרויסער עולם, וואָס האָט זיך ניט געשטעלט צו דער אונטערזוכונג אויף אַרבעטסטויגלעכקייט!

אויף די דייטשן, באַזונדערס אויף די הויכע שררות, האָט די גאַנצע אַגיטאַציע און דער „שטרייק" געמאַכט אַ געוואַלטיקן רושם; דער שטאָטהויפּטמאַן מיט אַלע זיינע מלאכי-חבלה זיינען געווען אויסער זיך; שטאַרקער פאַר אַלץ האָבן זיי אויפגערעגט די פּראָקלאַמאַציעס. אויך האָבן זיי זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן, ווי אַזוי קען דאָס געמאַכט זיין, אַז אַזוינע „הענדלער", „לעבנס-מיטלוואוכערער" וכדומה זאָלן האָבן אַזאַ עזותקייט זיי ניט צו פאָלגן! און נאָכמער — ווער האָט דאָס געקענט פאַראייניקן די יידן מיט די קריסטן, וועלכע פלעגן זיך שטענדיק רייסן צווישן זיך און קריגן זיך איינער מיט דעם אַנדערן?

פון דער מאַסע מענטשן, וואָס האָבן זיך ניט געמאָלדן צו ז'ער אונטערזוכונג, האָט מען אַ סך אַריינגעזעצט און פאַרמשפּט וועמען צו תּפיסה, וועמען צו געלטשטראָף.

אַזוי ווי דער „שטרייק" איז דאָך געווען געבראָכן און די לעצטע 2 טעג האָבן זיך שוין כּמעט אַלע געשטעלט אין די אָנגעגעבענע ערטער צום אונטערזוכן, האָט מען געוואָלט פאַרגרינגערן די לאַגע פון די אַרעסטירטע, און איך בין דעריבער אַריין אין אַ ישוב־הדעת מיט דעם שטאָטהויפּטמאַן, וועלכער האָט געשריען די גאַנצע צייט, אַז „מען האָט אים ניט פאַרשטאַנען", אַז ער האָט „קיינמאָל חס־וחלילה קיין שלעכטס ניט געמיינט!"

עס איז אפשר פּרינציפּיעל געווען ניט ריכטיק; איך האָב אָבער זייער געליטן, ווייסנדיק, אַז אַ סך מענטשן מאַטערן זיך נעבעך, ווייל זיי האָבן געפאָלגט מיך און מיינע חברים. אמת, זייער ליידן איז געוויס געווען ניט אומזיסט און האָט געבראַכט דער באַפעלקערונג פיל נוצן, אָבער באַלד, ווי איך האָב געקענט זיי באַפרייען צום טייל אָדער אינגאַנצן, האָב איך אַוועקגעלייגט מיין כּבוד אָן אַ זייט און האָב פאָרגעלייגט דעם שטאָטהויפּטמאַן זיי צו באַפרייען. ער האָט זיך מיט מיר אַ פּאָר טעג געדונגען און איז דאָך איינגעגאַנגען אויף מיין פאָרשלאָג. מער האָט מען שוין פון דאַן אָן קיינעם ניט אַריינגעזעצט, און פון די אַריינגעזעצטע האָט מען די ניט פאַרמשפּטע באַפרייט און די פאַרמשפּטע די שטראָף אויף אַ העלפט פאַרקלענערט.

דעם 11־טן דעצעמבער 1916 איז אַרויס אַ נייע מודעה פון דעם שטאָטהויפּטמאַן וועגן דער מוסטערונג, אין וועלכער עס איז „ערלויבט געוואָרן" די, וואָס האָבן זיך ביז דאַמאָלסט ניט געשטעלט צום אונטערזוכן, צו מעלדן זיך אין די אָנגעגעבענע ערטער דעם און דעם טאָג.

דער פועל־יוצא פון דער גאַנצער אַגיטאַציע, אַחוץ דעם מאָראַלישן איינפלוס אויף די דייטשן, וואָס לאָזט זיך גאָר ניט אָפּשאַצן, איז געווען, אַז מען האָט גענומען אויף אַרבעט אַ סך ווייניקער מענטשן, ווי מען האָט פון אָנהייב געהאַט בדעה צו נעמען און מען האָט דעם רוב פון די ערשטע רעקלאַמירטע אַרויסגעלאָזן. דער עיקר איז אָבער געווען, וואָס מען האָט אין משך פון אַ האַלב יאָר אַלץ ווייניקער און ווייניקער מענטשן צוגעצויגן צו דער צוואַנגסאַרבעט און נאָכדעם, ווי עס ווייזט אויס, האָט מען נייע אַרבעטער אינגאַנצן מער כּמעט ניט אַריינגעצויגן.

דער סקאַנדאַל, וואָס מיר האָבן געמאַכט אין ווילנע, איז באַלד דערגאַנגען ביז בערלין און פון דאָרטן האָט מען געגעבן אפנים אַ וואונק אָפּצוהאַלטן זיך... אַ פּוילישער דעפּוטאַט פון רייכסטאַג (דוכט זיך סיידאַ) האָט שפּעטער עפנטלעך דערציילט, אַז הינדענבורג האָט אים געזאָגט, אַז „ער איז פון אָנהייב אָן געווען קעגן דער צוואַנגסאַרבעט". ווער עס וויל, זאָל אים גלויבן...

עטלעכע פון אונז, וואָס האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער גאַנצער אַגיטאַציע, האָבן נאָך געהאַט נאָכדעם נאָכווייעניש. ביי יוסף איזביצקי האָט מען איבערגעזוכט די גאַנצע וואוינונג און אים אַליין אַריינגעזעצט. מען האָט אים באַשולדיקט, אַז ער איז געווען דער פאָרזיצער אין דער אויבנדערמאָנטער אסיפה; ער ווידער האָט ניט געוואָלט זאָגן, אַז דאָס בין איך געווען. איך האָב די זאַך באַלד אויפגעקלערט. נאָך איזביצקין, וועלכן מען האָט באַלד אַרויסגעלאָזן, איז געווען אַ רעוויזיע אין דער „צדקה־גדולה" און מען האָט דעם פאָרזיצער הרב רובינשטיין געפאָדערט אין קרימינאַל־פּאָליציי, וואו מען האָט זיך מיט אים, ווי מיט איזביצקין, גראָב באַגאַנגען, מען האָט אים באַשולדיקט, אַז ער האָט עס צונויפגערופן די אסיפה. נאָכדעם האָט מען געמאַכט אַ רעוויזיע ביי מיר און אויך מיך אַרויסגערופן אין קרימינאַל־פּאָליציי, מען איז זיך מיט מיר באַגאַנגען זייער איידל, אפילו



נאָכדעם, ווי איך האָב זיי דערקלערט, אַז איך בין געווען דער פאָרזיצער און אַז איך האָב די אסיפה צונויפגערופן...

די „אַקטן" פון אונזער אויספרעגן האָט מען אַריבערגעשיקט אין אָבאָסט, וואו עס זיינען געווען אָפּגעשיקט אויך עטלעכע אַקטן איבער אונזערע פּוילישע חברים... פון דאָרטן איז אָנגעקומען אַ באַפעל די „זאַך" צו ליקווידירן...

ווי עס ווייזט אויס, האָט מען דאָס מיר און אפשר אויך איזביצקין פאַרשריבן אויפן חשבון, וואָס מען האָט אונז צוגעשטעלט, בשעת מען האָט אונז אין עטלעכע חדשים אַרום אַרעסטירט...

---

## III.

הגם עס איז אונז אין ווילנע גופא דורך אַזוינע הערואישע מיטלען געלונגען אָפּצושוואַכן די האַרבקייט פון דער גזרה, אינגאַנצן אָבער אָפּצורופן זי האָט זיך דאָך ניט איינגעגעבן. מען פלעגט פון צייט צו צייט נאָך אַלץ אַרויספאָדערן מענער צו דער צוואַנגסאַרבעט. מיינע פּראָבעס צו רעקלאַמירן די אַרבעטער האָבן שוין ניט געהאַט דעם ווערט, וואָס אַמאָל: איך בין שוין געווען אַ האַלב געפּסלטער... די צאָל פון די ווילנער בירגער, וואָס האָבן זיך געמאַטערט אין די אַרבעטערבאַטאַליאָנען, איז נאָך אַלץ געווען אַ גרויסע. אַחוצדעם האָט מען אָבער פון גאַנץ ליטע אַריינגעצויגן זייער אַ גרויסע מאַסע מענטשן אין דער צוואַנגסאַרבעט. אין די גרעסערע שטעט, ווי אין די קליינע שטעטלעך און אַפילו אין די דערפער האָבן זיך די פאַרמעגלעכע געמוזט אָפּקויפן איטלעכן חודש מיט געלט; אָבער די אָרימע אַרבעטנדיקע מאַסע האָט זיך געמוזט אין אַ היבשן טייל אָפּרייסן פון דער היים און פון דער אייגענער אַרבעט און אַוועקגיין אויף דער דייטשער קאַטאָרגע.

ביסלעכווייז האָבן גענומען דערגיין צו אונז ידיעות מינדלעכע און אויך שריפטלעכע איבער דעם לעבן און דער אַרבעט אין דער דאָזיקער קאַטאָרגע און — פאַר אונז האָט זיך אַנטפּלעקט אַ בילד פון אומדערהערטע שרעקלעכע יסורים, פון ווילדע אכזריותדיקע תּליינים אָן אַ פונק מענטשלעכן רחמנות, פון ביז צום טויט פאַרמאַטערטע אומשולדיקע אַרבעטער, — אַ בילד, פון וועלכן דאָס בלוט ווערט פאַרגליווערט אין די אָדערן..

מיר האָבן באַקומען אַ היבש ביסל בריוו פון אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט אין פאַרשיידענע ערטער און אין פאַרשיידענע באַטאַליאָנען אויף דער צוואַנגסאַרבעט; מיר האָבן דורך געוועזענע צוואַנגסאַרבעטער און איינמאָל דורך אַ זייטיקן מענטשן, וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן אויסצופרעגן די אַרבעטער און צוקוקן זיך אַליין צו דער צוואַנגסאַרבעט, — אָנגעזאַמלט אַ גרויסן מאַטעריאַל וועגן דעם.

באַזונדערס האָבן מיך פאַרנומען ביים האַרצן צוויי בריוו, וואָס איך האָב באַקומען: איין בריוו פון אַ יידישן צוואַנגסאַרבעטער צו זיין מוטער, און דער צווייטער פון אַ פּוילישן אַרבעטער אויך צו זיין מוטער. ביידע זיינען געשריבן געווען זייער איינפאַך אויף אַ שלעכטן יידיש און אויף נאָך אַן ערגערן פּויליש; אין ביידע בריוו אָבער האָבן זיך די שרעקלעכע צרות און די אָפענע, אמתע נשמות פון די מחברים אָפּגעשפּיגלט אַזוי בולט, אַז מען האָט זיי אָן טרערן ניט געקענט לייענען...

אויף דעם סמך פון אָט דעם גאַנצן מאַטעריאַל וויל איך דאָ בקיצור שילדערן, וואָס פאַר אַ צוואַנגסאַרבעט אונזערע אַרבעטער האָבן דורכגעמאַכט אין האַרבסט און אָנהייב ווינטער 1916. מיין מאַטעריאַל שטאַמט כּמעט אינגאַנצן פון דער דאָזיקער צייט.

ערגעץ־וואו אויף דעם מזרח־פראָנט שטייט אַן אָקאָרשט אויסגעבויטער „באַראַק", אָדער, ריכטיקער געזאָגט, אַ שייער פון ברעטער. אין די ווענט און אפילו אין טיר געפינען זיך אַ סך שפּאַלטן און גרויסע לעכער. אינעווייניק איז שרעקלעך קאַלט; אויוונס זיינען כמעט ניטאָ. די הילצערנע „בעטן" (פּריטשן) הענגען איינע איבער די אַנדערע אין צוויי און אַמאָל אין דריי שטאַפּלען. פינסטער.

6—7 אַ זייגער אינדערפרי ווערן די אַרבעטער געוועקט. זיי באַקומען די פּאָרציע ברויט פאַר אַ גאַנצן מעת־לעת (בערך 20 גראַם) און „קאַווע", ד. ה. אַ ביטערע שוואַרצע שיטערער מאכל—דאָס איז דאָס אָנבייסן! באַלד הייבט מען זיי אָן צו טרייבן אויף דער אַרבעט, וועלכע געפינט זיך אויפן פראָנט גופא.

דער „באַראַק" געפינט זיך געוויינטלעך 5—6 קילאָמעטער ווייט פון פראָנט. דער עולם אַיילט זיך, די מאַרודניקעס באַקומען באַלד פון די וואַך־סאָלדאַטן קלעפּ מיט דער פויסט אָדער מיט דער ביקס, וואו עס לאָזט זיך...

באַלד שטעלן זיי זיך לויט אַ קאָמאַנדע, אין רייען און מאַרשירן גלייך אָפּ אויף דער אַרבעט. די 5—6 קילאָמעטער גייען די אַרבעטער נאַטירלעך צופוס.

עס ווערט עפּעס ליכטיקער און מען קען שוין באַקוקן דעם עולם, וואָס גייט גיך אין באַגלייטונג פון אַ קאָנוואָי מיט ביקסן. אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע, כמעט אַלע באָרוועס אפילו ביי שניי און פראָסט. די קליידער, ווי פאַרשיידן זיי זאָלן ניט אויסזען, אָנווייזנדיק, אַז די טראָגער געהערן צו פאַרשיידענע סאָציאַלע גרופּן, וואָס די דייטשע פויסט האָט צוזאַמענגעטריבן אין איין מחנה,—זיינען צעריסן און צעפּליקט ביז צום לעצטן גראַד. אַ סך מענטשן טראָגן צעריסענע לייכטע זומער־רעקלעך אָן מאַנטלען...

מען אַיילט זיך, מען לויפט: עס טרייבט דער דייטשער „באַגלייטמאַן" און די ביטערע קעלט; מען טרייסלט זיך פון קעלט, מען ווערט בלוי און מען לויפט.

באַלד קומט מען אויף דער אַרבעטסשטעלע. שווערע, זייער שווערע אַרבעט...

אַרבעטן מוז מען פלייסיק, אַניט—קריגט מען גלייך קלעפּ. טאָמער הייבט זיך עמיצער אָן צו באַקלאָגן, אַז ער איז קראַנק, באַקומט ער באַלד מכות־רצח: „ער מאַכט זיך, דער פּוילאַק, ער וויל ניט אַרבעטן!" איינער פון די גרעסטע חטאים, פאַר וועלכן מען באַקומט שטענדיק שווערע קלעפּ (סיידן עמיצער האָט על־כּל־צופאַל עטלעכע רובל צום אונטערקויפן) איז—בעטן אַ דאָקטאָר; זאָגן, אַז אַן אַרבעטער דאַרף האָבן דעם דאָקטאָר איז אַ סכּנה, וואָרים דאָס קען נאָר זאָגן אַ פּוילער, וואָס וויל זיך אַרויסדרייען פון דער אַרבעט!"

צוועלף אַ זייגער רוט מען זיך עפּעס אָפּ און מע עסט „מיטאָג", ד. ה. אַ טייל פון דעם ברויט, וואָס מען האָט אַרויסגעגעבן אינדערפרי און דערצו אַ „זופּ" אָן פעטס און אָן פלייש; געוויינלעך, עפּעס „שוואַרצע אַרבעס" (וויקע, מיט וועלכע מען פיטערט אין דייטשלאַנד די חזירים), זעלטענער, וועלכע עס איז גרויפּ „וואָס איינע די אַנדערע קען ניט דעריאָגן", שווימט אַרום אין דער זופּ, אין די גרויסע יום־טובים באַקומט מען נאָך אַ שטיקעלע שטינקענדיקע פיש, אָדער אַ מין פּאַטראַווע, וואָס מען זאָגט, אַז דאָס איז פלייש, נאַטירלעך אַ גאַנץ קליינטשיק שטיקעלע...

אָפּגערוט זיך עפּעס און—ווייטער פאַר דער אַרבעט! ביז... 6—7 פון אָוונט, ווען מען טרייבט די אַרבעטער צוריק אין „באַראַק" אַריין, וואו זיי באַקומען אין דער פינסטער אַ טעלער מיט עפּעס אַ שיטערן מאכל, פון וועלכן מע קען נאָר זאָגן, אַז וואַסער איז אין דעם דאָ געוויס, אפשר אַחוצדעם נאָך עפּעס,

אָבער שפּירן שפּירט מען דאָס ניט און זען קען מען דאָס ניט... בלייבט נאָך פון „וואַרמעס" אַ שטיקעלע ברויט, איז גוט, און אַז ניט—איז ניט. אָט דאָס איז די וועטשערע! די אַרבעטער ווערן שטאַרק איינגעשלאָסן אויף ביינאַכט און קענען שוין ביז אינדערפרי מער ניט אַרויסגיין.

מען לייגט זיך שלאָפן, אויף וויפיל די ביטערע קעלט דערלאָזט דעם שלאָף... ביינאַכט מאַכן די פאַרמאַטערטע שוואַכע אָדער ניט געזונטע אַרבעטער זייער נאַטירליכן צורך אין בעט און ליגן זיי אויבן, רינט עס אַראָפּ אויף די וואָס ליגן אונטן...

אָט אַזוי פאַרברענגען די צוואַנגסאַרבעטער איטלעכן מעת־לעת!

עס פאַרשטייט זיך, אַז די אַרבעטער פלעגן דערביי שטאַרבן ווי די פליגן. די דייטשן האָבן אָבער שטענדיק באַהאַלטן דעם גאַנצן מאַטעריאַל וועגן די צוואַנגסאַרבייטער בחדרי חדרים, מען זאָל חס וחלילה זיך ניט דערוויסן. וועט מען אָבער ווען עס איז קענען באַקומען אָט דעם מאַטעריאַל, וועט מען דעמאָלט ערשט דערגיין, וואָס פאַר אַ שרעקלעכע שטערבלעכקייט האָט געהערשט אין די דייטשע אַרבעטער־באַטאַליאָנען צו דער צייט און אויף דעם אָרט, פון וועלכע דאָ גייט די רייד...

צוקוקנדיק זיך, ווי אַזוי, קעגן זייער געוויינהייט, ניט עקאָנאָמיש, ווי פאַרשווענדעריש די דייטשן זיינען זיך באַגאַנגען מיט דעם געזונט און דעם לעבן פון די דאָזיקע אַרבעטער, קומט אַרויף ניט ווילנדיק דער געדאַנק, אַז אַחוץ אויסזויגן די גאַנצע לעבנסקראַפט פון די אַרבעטער זיינען די דייטשן דאָ אויסן געווען נאָך אַ ציל: זיי האָבן געשטרעבט צו שאַפן אין ליטע וואָס אַ גרעסערן וואַקואום, וואָס מער פוסטן אָרט, כדי אָנצופילן אים מיט אַ דייטשן אינהאַלט...*)

*) די דאָזיקע כוונה פון די אָקופּאַנטן, האָט זיך שוין גאָר פון אָנהייב אויפגעקלערט אין מעשים און רייד פון די דייטשע גרויסע און גאָר־גרויסע שררות. ס'איז געווען אַ פּלאַן די יידן, לכל־הפּחות דעם גרעסטן טייל יידן, צו פאַרטרייבן פון לאַנד. צו זיך אין דייטשלאַנד האָט מען זיי ניט געטאָרט אַריינלאָזן; דורכדעם אַליין וואָלטן זיי שוין שווער קענען קאָנקורירן מיט די דייטשע סוחרים, וועלכע האָבן נאָך געדאַרפט באַקומען גרויסע הנחות אין דעם האַנדלס־אָפּמאַך מיט רוסלאַנד. דורך אַזאַ מין סאָציאַלער פּאָליטיק האָט מען געהאַט בדעה דעם רוב יידן פון ליטע אַרויסצושטופּן און אויף זייער אָרט אַוועקזעצן די דייטשע סוחרים. ווי ס'ווייזט אויס, האָט מען דעם פּאָליאַק אינגאַנצן פאַרגעסן דערביי, פּונקט ווי אין פּויזן בשעתו...

דער קלענער טייל יידן, וואָס האָט דאָך געמוזט פאַרבלייבן אין ליטע, האָט זיך, לויט דעם דייטשן פּלאַן, געמוזט גערמאַניזירן און דינען אין דער זעלבער צייט אַלס אַ פאַרמיטלער צווישן דער דייטשער קולטור און דער אָרטיקער באַפעלקערונג; מיט אַנדערע ווערטער, דורך דעם הייפעלע יידן, וואָס די דייטשן האָבן כּסכּים געווען צו לאָזן אין ליטע, האָט די אָרטיקע באַפעלקערונג געזאָלט גערמאַניזירט ווערן.

די דייטשן האָבן געוואָלט אויף אַזאַ אופן אַריינשלעפּן די ליטווישע יידן צווישן דער פּוילישער קאָוואַדלע און דעם דייטשן האַמער, פּונקט ווי זייערע זיידעס האָבן דאָס געמאַכט מיט די פּויזנער יידן בשעתו...

די דאָזיקע כוונה דערקלערט אונז אויך, פאַרוואָס די דייטשן זיינען אַזוי גערן איינגעגאַנגען אויף דעם פּלאַן — אַרויסצולאָזן יידישע אַרבעטער קיין אַמעריקע.

די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן אָבער אויך ניט פאַרגעסן אָן די פּאָליאַקן און אויף וויפיל זייער פּוילישע פּאָליטיק אין ליטע האָט זיך אויסגעדריקט ניט אין רייד, נאָר אין מעשים, איז זי באַשטאַנען אין אָפּנעמען די ערד (עקספּראָפּרירן) ביי די פּוילישע פּריצים, וועלכע מען האָט געטראַכט מפצה צו זיין מיט ערד אָדער אין קאָנגרעס־פּוילן אָדער אין שוואַרץ־רוסלאַנד ביז צו די זומפּן פון ראָקיטנע, פון וואַנען די רוסישע פּריצים וואָלטן דאָך נאָך דעם נצחון פון די דייטשן „מוזן" אַנטלויפן.

די אַגראַרע פּאָזיציע, וואָס די פּאָליאַקן האָבן פאַרנומען אין ליטע, האָבן געזאָלט פאַרנעמען די דייטשע קאָלאָניסטן („אונזערע קאָלאָניזאַציע"), די ליטווינער אין ליטע האָבן, לויט דעמזעלביקן פּלאַן, אין אַ משך פון פופציק יאָר געמוזט אַסימילירט ווערן דורך די דייטשן און אויף אַזאַ אופן וואָלט דער דייטשער „פאַרפּאָסט" פון מזרח־פּרייסן זיך איבערגערוקט קיין ליטע און די פּאָליאַקן וואָלטן זייער

ווי מיר האָט שפּעטער דערציילט דער באַקאַנטער בעלגישער כלל=טוער פּראָפעסאָר פון גענטער אוניווערסיטעט, דובריינא, זיינען זיך די דייטשן באַגאַנגען מיט די **בעלגישע** צוואַנגסאַרבעטער ניט אַזוי אומבּרחמנותדיק, ווי אין ליטע.

ווי איך האָב זיך ווייטער דערוואוסט פון יידישע אַרבעטער, וועלכע מיר איז אויסגעקומען שפּעטער צו זען אין פאַרשיידענע לאַגערן, וואו איך בין געווען אַיינגעשלאָסן אין דייטשלאַנד, איז מען זיך אַפילו מיט די יידישע אַרבעטער פון ליטע, וועלכע מען האָט אַריבערגעוואָרפן אויף דעם מערבדיקן פראָנט, באַאַנגען פיל בעסער, ווי ביי אונז אויף דעם מזרח=פראָנט; ווייזט אויס, אַז דאָרטן האָט מען זיך געשעמט, אָדער, ריכטיקער געזאָגט, פשוט מורא געהאַט פאַר... די בייטראַלע לענדער.

די מלחמה, וואָס מיר האָבן געפירט פאַר אויסבעסערן דעם מצב פון די צוואַנגסאַרבעטער, איז געווען זייער אַן עקשנותדיקע.

מיר האָבן שוין אין דעם ערשטן יאָר פון דער דייטשער אָקופּאַציע אַלע כוחות אָנגעווענדט, כדי צו אָרגאַניזירן אַן אַרבעטער=קאָמיסיע ביי דעם שטאָטהויפּטמאַן, מיט וועלכער די דייטשע שררות זאָלן זיך מוזן מישב זיין אין אַלע פראַגן, וואָס זיינען נוגע אַרבעטער.

דאָס האָט זיך אונז ניט אַיינגעגעבן; ערשט, נאָך אונזער שאַרפן אַרויסטרעטן אין דער פראַגע פון שטעלן זיך צום אונטערזוכן אויף אַרבעטסטויגלעכקייט, האָבן די דייטשן מסכים געווען צו בילדן אַן אַרבעטער=קאָמיסיע, וואוהין עס זאָלן אַריינגיין פאָרשטייער פון איטלעכן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט. פאַקטיש זיינען אַהין אַריין אַלס יידישע פאָרשטייער יוסף איזביצקי און איך און אַלס פּוילישע פאָרשטייער ה׳ ווענסלאַווסקי און אַ פאַרטרעטער פון דעם פּוילישן בישאָף. איך ווייס ניט, וואָס פאַר אַ שייכות דער לעצטער האָט געהאַט צו די אַרבעטער, נאָר, וויבאַלד שטערן אונז האָט ער געוויס ניט געהאַט בדעה, האָט דאָס אונז ניט געאַרט. באַלד האָט דער בירגערמייסטער אייכלער, מיט וועמען אונזער אַרבעטער=קאָמיסיע האָט געדאַרפט האָבן צו טאָן, אונז זייער איידל און דיפּלאָמאַטיש געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מיר זיינען דאָך נאָר אַ **פּריוואַטע** קאָמיסיע לעבן אים; ער האָט

ווייט אָנגעוואָרכן געוואָרן פון דעם באַלטישן ים, וואוהין זיי ציען זיך מיט אַלע כוחות (זע: „דאָס נייע עסטלאַנד״ פאָן סילוויא, דריטע אָפּטיילונג „ליטויען״ ברעדריך קורמאַהלען 1916). ווער עס ווייס די דייטשע באַלעבאַטישקייט אין די פּויליש=ליטווישע גיטער, דער ווייס, אַז זי איז געפירט געוואָרן אין אַ סיסטעם, וואָס איז געווען אויפגעבויט אויף די דאָזיקע יסודות.

אַזוי, ל. של, פלעגט אויף איטלעכן גרויסן אָדער מיטעלן פּוילישן גוט אָנגעפירט ווערן אַזאַ סיסטעם: קודם=כל פלעגן די דייטשן ביים פאַרנעמען אַזאַ גוט גלייך צונעמען צו זיך און אַוועקפירן אַלע זאַפּאַסן, דעם לעבעדיקן און דעם טויטן אינווענטאַר, נאָכדעם פלעגן זיי באַלד אַוועקזעצן בראש אַן אייגענעם פאַרוואַלטער מיט זייער אַ גרויסן געהאַלט. ער פלעגט אויף די הויפּט=ערטער אַוועקזעצן דייטשע באַאַמטע=אָנגעשטעלטע מיט גרויסע שכירות און פלעגט באַלד אָנהייבן פאָדערן זאַכאַסן, אַ לעבעדיקן און טויטן אינווענטאַר, וועלכע האָבן געפעלט. דערביי פלעגט ער נאַטירלעך ניט פאַרגעסן אַלערליי לאַנדווירטשאַפטלעכע מעליאָראַציאָנען און כאַש נעס, וואָס קאָסטן זייער טייער און אַזוי ווייטער.

די דאָזיקע אַלע הוצאות (מיט פּראָצענט) פלעגן אַריינגעטראָגן ווערן אין בוך אויף דעם חשבון פון דעם פּוילישן פּריץ, דעם גוטבאַזיצער. די הכנסות פון דעם גוט פלעגן זיין זייער קליין, ווייל די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן פלעגן די דייטשן צונעמען לויט די מקחים פון שלוס=צייט. אָט אַזוי פלעגן מחודש לחודש אַרויסוואַקסן אויפן גוטבאַזיצער אַלץ גרעסערע און גרעסערע חובות. אין משך פון אַ יאָר אָדער אָנדערטהאַלבן יאָר פלעגט שוין דער חוב זיין פיל גרעסער, ווי דער גאַנצער ווערט פון דעם גוט. פלעגט זיך מעלדן אפשר דער פריערדיקער בעל=הבית און פאָדערן זיין גוט, פלעגט מען אים איידל, זייער איידל („וויר זינד דאָך קיינע באַרבאַרען!״), ווייזן דעם בוך מיט די חובות און זאָגן: „אדרבא! נעמט טאַקע צו אייער גוט, נאָר באַצאָלט אַפריער די חובות!״... אָט דאָס איז געווען די טייטשע סיסטעמע, דורך וועלכער די דייטשן, אויב זיי וואָלטן נאָר מנצח זיין, האָבן געוואָלט פאַרכאַפּן אין זייערע הענט אַלע פּוילישע גיטער און אַרויסשטופּן זייערע אייגנטימער פון ליטע!



אונז אָבער צוגעזאָגט צושטעלן מאַטעריאַל און באַראַטן זיך מיט אונז. די זיצונגען פלעגן פאָרקומען אַלע וואָך.

מיט צרות און מיט מאַטערניש האָט זיך אונז ביסלעכווייז, נאָך אַ לאַנגער מלחמה כמעט מיט אַלע העכערע אינסטאַנצן, איינגעגעבן צו פאַרבעסערן דעם שרעקלעכן מצב פון די צוואַנגסאַרבעטער. נאָך פיל מי האָט מען די באָרוועסע אַרבעטער כמעט אַלעמען געגעבן אַ מין שוכוואַרג. פיל שווערער איז געווען צו באַזאָרגן די אומגליקלעכע מיט קליידער: די דייטשן האָבן אַלץ געפאָדערט, אַז די באַפעלקערונג אַליין זאָל עס זיי געבן! סוף=כל=סוף האָט זיך דאָס ביז צו אַ געוויסן גראַד אויך אַיינגעגעבן. בנוגע דער מעדיציניש׳ער אונטערזוכונג האָבן מיר דערגרייכט, אַז מען פלעגט איטלעכן מענטשן פאַרן נעמען אויף אַרבעט **שטרענג**, **זייער שטרענג** באַטראַכטן; קראַנקע פלעגן שוין בשום אופן ניט אַריינפאַלן, ווי פריער, אויף דער קאַטאָרגע.

מען האָט נאָך שפּעטער, ווי מיר האָבן זיך דערוואוסט, די דירות, דאָס עסן און די אַרבעטס=תנאים אויך אַ ביסל אויסגעבעסערט. מען האָט אונז אפילו צוגעזאָגט צו פאַרגרעסערן דעם אַרבעטסלוין, וואָס איז נאָך אַלץ באַשטאַנען אין 30 פעניג!

מען האָט אונז נאָך אַ סך זאַכן מבטיח געווען, אַלץ אפנים צוליב דעם גרויסן טומל, וואָס מיר האָבן אויפגעהויבן אי אין ליטע, אי אין דייטשלאַנד.

פון קיין שום קאָנטראָלע האָבן אָבער די דייטשן אַלץ ניט געוואָלט הערן. מיר האָבן זיך געלאָזן דעמאָלט אויף אַזאַ פּשרה: זיי זאָלן צולאָזן פאָרשטייער פון דער יידישער און קריסטלעכער גייסטלעכקייט, וועלכע זאָלן כלומרשט ברענגען די אַרבעטער „רעליגיעזע״ טרייסט; דאָס איז אָבער אויך ניט געגאַנגען: די דייטשן האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיר זוכן אינפאָרמאַציעס און ציען זיך צו דער קאָנטראָלע... עס האָט זיך אָבער געשאַפן שפּעטער אַ קאָנספּיראַטיווער וועג, דורך וועלכן מען פלעגט באַקומען די נייטיקע ידיעות...

וואַרפן מיר איצט אַ בליק צוריק אויף דער דייטשער צוואַנגסאַרבעט אין ליטע, מוזן מיר אָבער אויך ניט פאַרזען די מאָמענטן, וואָס פאַרקלענערן די שולד פון די דייטשן. אַריינציענדיק וואָס ווייטער אַלץ מער זייער בליענדיקע אַרבעטסקראַפט אין זייער חייל, האָבן די דייטשן געמוזט אַלץ שטאַרקער פילן דעם דוחק אין אַרבעטער; זיי האָבן געמוזט שאַפן אַזאַ מין „ערזאַץ״ פאַר דער דאָזיקער קראַפט, אַריינציען אין דער אַרבעט זייערע פרויען, זייערע אַלטע לייט און אַפילו אַ גרויסן טייל פון זייערע קינדער, ניט רעדנדיק שוין פון די מלחמה=געפאַנגענע. דאָס אַלץ האָט אָבער ניט געקלעקט, ווי עס איז באַקאַנט איטלעכן, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צו דער אַרבעט אין דער מלחמה=צייט אין דייטשלאַנד. דעריבער איז זיי געבליבן דער איינציקער מקור — די אַרבעטער פון די אַיינגענומענע לענדער...

מען טאָר ווייטער ניט פאַרגעסן, אַז ביי דעם קלאָגעדיקן מצב פון דייטשלאַנדס פינאַנסן אין דער מלחמה איז ביי איר דער דוחק אין געלט געווען אויך אַ גאַנץ גרויסער.

און ווייטער דאַרף מען אויך נעמען אין אַכט, אַז די דייטשן האָבן אַריינגעכאַפּט אין זייער צוואַנגסאַרבעט אַ גאַנץ גרויסע מאַסע פון דער שטאָטישער בורזשואַזיע, וואָס איז ניט געוויינט צו קערפּערלעכער אַרבעט, טויג פאַר דער דאָזיקער אַרבעט ניט און וועלכע שרייט שוין אַפילו ביי געוויינלעכע אַרבעטס=תנאים*)...

און דאָך וועט נאָך אַלעמען קיין מליץ=יושר מיט קיינע שיינע און זיסע רייד ניט קענען אָפּוואַשן דעם שאַנדפלעק, מיט וועלכן די דייטשע מיליטעריש=אַריסטאָקראַטישע קאַסטע האָט באַפלעקט די דייטשע קולטור דורך איר צוואַנגסאַרבעט אין ליטע!

*) מיר האָבן ניט איין מאָל געזען, ווי וועגן דער=זעלביקער אַרבעט, אויף וועלכער ניט=פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער באַקלאָגן זיך שטאַרק, זאָגן די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער — „עס איז צו פאַרליידן״.

ד״ר מעד. אברהם ווירשובסקי.

# דאס פאלקסגעזונט און דער מעדיצינישער לעבנסשטייגער אין ווילנע בשעת דער דייטשער אקופאציע.*)

(18 סעפטעמבער 1915—1 יאנואר 1919).

## I. אינפעקציאנעלע קראנקהייטן.

אין דער נאַכט פונם 18=טן סעפטעמבער 1915 האָט זיך מיט אַמאָל דערהערט אַ דונערדיקער קראַך פון אויפגעריסענע בריקן. דאָס איז געווען אַ סימן, אַז די לעצטע רוסישע חיילות פאַרלאָזן די שטאָט.

אויף מאָרגן דעם 18=טן בין איך אויפגעשטאַנען אינדערפרי, כדי צו באַווייזן איבערגעבן אַ בריוו קיין רוסלאַנד דורך אַ באַקאַנטן מיליטערישן דאָקטאָר, וואָס האָט געדינט ביי אַ „דרוזשינע", וועלכע פאַרהאַלטן זיך ביים אָפּטרעטן פון דער אַרמיי שפּעטער ווי די איבעריקע מיליטערישע אָפּטיילונגען. אַרויס אויפן גאַס, בין איך נשתומם געוואָרן פון דער געענדערטער דעקאָראַציע: קיין פּאָליציאַנטן זיינען אויף די פּאָסטנס ניט געווען, זייערע פונקציעס האָט אויסגעפירט אַ בירגערלעכע מיליציע, קיין חיילות האָט מען שוין ניט געזען, און נאָר ערגעץ=וואו האָט מען נאָך געקענט אָנטרעפן סאָלדאַטן איינציקווייז אָדער קליינע גרופּעס, וואָס זיינען אָפּגעשטאַנען פון זייערע טיילן און האָבן געהאַלטן אין אָניאָגן זיי אויפן וועג צו פּאָלאָצקער גאַס. איך בין נאָך געווען אין דעם אוניפאָרם=היטל פונם מיניסטעריום פאַר אינוויינקסטע ענינים און האָב באַגעגנט נאָך צוויי דאָקטוירים אויך אין אַזוינע היטלען.

מ׳האָט געמיינט, אַז דער שונא וועט אַריין אין דער עוואַקואירטער שטאָט בשום אופן ניט פריער פונם מאָרגעדיקן טאָג. אָבער שוין 10 אַ זייגער דעם אייגענעם טאָג האָט זיך אין צענטראַלן טייל פון שטאָט באַוויזן אַ אָפּטיילונג דייטשע סאָלדאַטן.

די שטימונג פון דער באַפעלקערונג איז געווען אַן אויסוואַרטנדיקע, אָבער שוין אין אַ טאָג 2—3 אַרום זיינען די מאַסן געוואָרן אומצופרידן פון די אומגעבעטענע געסט, און וואָס ווייטער, אַלץ מער. צו די אומצופרידענע עלעמענטן, וואָס זיינען אַנטטוישט געוואָרן אין די נייע בעלי=בתים, האָבן געהאַט אַ גרונד צוצושטיין אויך די קרוב 50 דאָקטוירים, וואָס זיינען פאַרבליבן אין שטאָט. דער גרעסטער טייל פון דעם דאָזיקן הייפל דאָקטוירים איז פאַרבליבן ניט מיטן גוטן ווילן, נאָר איז דערצו געצוואונגען געווען לויטן חוב פונם דינסט. בלויז דערמיט קען מען דערקלערן, פאַר וואָס זיינען, למשל, פאַרבליבן צוויי דאָקטוירים רוסן—אָדער די דאָקטוירים פון די דריי אָרטיקע שפּיטאָלן פונם „פּריקאַז פון געזעלשאַפטלעכער פאַרזאָרגונג",—בתוכם אויך איך,—אָדער די סאַניטאַרע דאָקטוירים און די דאָקטוירים פונם באַראַק פאַר קלעפּיקע קראַנקהייטן א. א. וו. צווישן די פאַרבליבענע חברים זיינען געווען 8 פרויען, וואָס האָבן, אַפּנים, זיך ניט געוואָלט שיידן מיט זייערע פאַמיליעס.

אונז אַלעמען, אָן אַ יוצא=מן=הכלל, איז אויסגעקומען ביטער צו אַנטטוישן זיך אין די קולטורעלע באַרבאַרן און מקנא צו זיין די גליקלעכערע חברים, וואָס האָבן זיך געפונען אויף יענער זייט

*) געלייענט דעם 18 אָקטאָבער 1919 אין דער ווילנער מעדיצינישער געזעלשאַפט.



פראָנט, האָבן ניט געשמאַכט ווי מיר אין געפאַנגנשאַפט און זיינען ניט געווען אָפּגעריסן פון דער גרויסער וועלט.

פון די ערשטע טעג פון זייער בעל=הבתעווען אין אונזער שטאָט האָבן די דייטשן ניט געטרויט דער אָרגאַניזאַציע פון דער אָרטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג און בהתמדה אַליין גענומען זיך פאַרן סאַניטאַרן ענין. יעדן פאַל פון קראַנק ווערן מיט אַ געהעכערטער טעמפּעראַטור האָבן זיי באַטראַכט פאַר פאַרדעכטיק אין אַ קלעפּיקער קראַנקהייט; דעריבער האָבן זיי געפאָדערט פונם דאָקטאָר, וואָס האָט קורירט דעם חולה, כל המעגלעכע אַנאַליזן, אומאויפהערלעכע השגחה, די שטרענגסטע מיטלען פון איזאָלאַציע און דעזינפעקציע און תיכף=ומיד מעלדן דער מאַכט. פאַר ניט מעלדן אין אַזוינע פאַלן האָבן די דייטשן געוואָרנט מיט כל=המעגלעכע שטראָפן, שיר ניט מיט טויט=שטראָף. איבער די פאַרדעכטיקע אינפעקציאָנעלע חולאים פלעגן ביי אונזערע דאָקטוירים פאָרקומען צוזאַמענשטויסן מיט דער דייטשער מאַכט. ס׳איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַן אָבליגאַטאָרישע תקנה, אַז די קלעפּיקע קראַנקע זאָל מען אויף אַ צוואַנג=אופן אינטערנירן אין אינפעקציאָנעלע באַראַקן. אגב איז אַלע דאָקטוירים צעשיקט געוואָרן אַ פאָדערונג, אַז אַפילו אין פאַלן פון מאַלאַריע זאָל מען די חולאים אַריבערפירן אין באַראַק און אַז וועגן אַזוינע פאַלן זאָל אויך באַצייטנס געמאָלדן ווערן דער מאַכט. מחמת דער איבערטריבענער מורא בנוגע פיבער=קראַנקע, זיינען אָן אַ נייטיקייט אינטערנירט געוואָרן אין אינפעקציאָנעלן באַראַק ניט בלויז טיפוס=קראַנקע, נאָר אַפילו אַ סך פאַלן פון טובערקולאָז און אַנדערע מחלות, וואָס ווערן באַגלייט מיט אַ געהעכערטער טעמפּעראַטור.

דאָס קראַנקנהויז פאַר טיפוס=קראַנקע אין זווערינעץ (דער באַראַק) האָט די גאַנצע צייט אינטענסיוו געאַרבעט. ניט געקוקט אויף די שטרענגסטע פאַרהיטונגס=מיטלען, האָט די טיפוס=עפּידעמיע ניט נאָר ניט אויפגעהערט, נאָר איז פון אָנהייב 1917 יאָר דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה, וואָס איז אַפילו פאַר דער פּילגעפּרובטער ווילנע געווען אומדערהערט. די צאָל טיפוס=קראַנקע איז כסדר געוואַקסן, אַזוי אַז דעם זומער פון 1917 איז כמעט ניט געווען אַ הויז, וואו אויפן טויער זאָל ניט זיין אָנגעקלעפּט קיין רויטער צעטל, וואָס האָט געוואָרנט די באַפעלקערונג וועגן דער קלעפּיקער קראַנקהייט אין דעם הויז. די סאַניטאַרע קאַרעטע האָט באַין אופן ניט באַוויזן פאַרן טאָג אַריבערצופירן אין באַראַק אַלע קראַנק געוואָרענע; ס׳פלעגט אויסקומען 2—3 טעג צו וואַרטן אויף דער ריי.

מיטן צוועק צו פאַרברייטערן דעם באַראַק, וואָס האָט ניט אַריינגענומען אַלע טיפוס-קראַנקע, האָט מען קאָנפיסקירט צוויי הייזער אין שכנות מיטן בנין פון באַראַק, און אין יוני 1917 האָט מען פאַרן זעלביקן צוועק אויסגענוצט דעם בנין פון שפּיטאָל „יאַקאָב"; מחמת דעם האָט מען אַלע חולאים פון שפּיטאָל „יאַקאָב" אַריבערגעפירט אין שטאָט=זאַל (אָסטראָבראָם 5). אין סוף יולי 1917 זיינען אַלע בנינים, וואָס זיינען באַשטימט געווען פאַר קלעפּיקע קראַנקע, געווען אויסגערעכנט אויף 1300 בעטלעך.

אַחוץ טיפוס, האָט אויך דיזענטעריע אין יולי 1917 אָנגענומען אַן עפּידעמישן כאַראַקטער: גאַנצע דערפער זיינען קראַנק געוואָרן; דער פּראָצענט שטערבלעכקייט פון דיזענטעריע איז געווען אַן אימהדיקער. מיטגעווירקט ביי דער עפּידעמיע פון דיזענטעריע האָט דער מאַנגל אין ברויט; צוליב דעם דאָזיקן מאַנגל האָט זיך די באַפעלקערונג אַרויפגעוואָרפן אויף רעטעך, אוגערקעס און רויע פרוכט, וואָס זיינען אין יענער צייט גראָד געווען גוט געראָטן און לויטן פרייז זייער צוטריטלעך.

אָבליגאַטאָריש איז געווען אַ שטרענגע רעגיסטראַציע פון די פאַלן פון דיזענטעריע (דער פעלדשער פּ. האָט אָנגעוואָרן דאָס רעכט צו פּראַקטיקירן פאַר ניט מעלדן וועגן איין פאַל פון דיזענטעריע).

זומער 1918, מחמת מורא פאַר אַן אויסבראָך פון אַן עפּידעמיע פון דיזענטעריע, איז אין הודש יוני פאַראָרדנט געוואָרן אַלע קראַנקנהייזער דעם גאַנצן פּערסאָנאַל אָנגעשטעלטע דריי מאָל, מיט הפסקות פון 5—7 טעג, איינצושפּריצן דאָס סערום קעגן דיזענטעריע. איך האָב דעמאָלט אויסגעפירט די פונקציעס פון דעם עלטסטן דאָקטאָר אין יידישן שפּיטאָל און האָב פּינקטלעך מקיים געווען די דאָזיקע פאַראָרדענונג; קיין קאָמפּליקאַציעס פון דער איינשפּריצונג האָט מען ניט באַמערקט.

כ׳וועל בקיצור דערמאָנען אויך וועגן כאָלערע, וואָס די רוסן האָבן ביי דער עוואַקואַציע פון ווילנע איבערגעלאָזן בירושה די דייטשן. די כאָלערע איז ליקווידירט געוואָרן אין נאָוועמבער 1915. דער דאָקטאָר באַנקאָווסקי האָט אין דער מעדיצינישער געזעלשאַפט אין נאָוועמבער 1916 געלייענט אַ רעפעראַט אויף דער טעמע: „די כאָלערע אין ווילנע אין יאָר 1915“. פון זיין רעפעראַט איז קענטיק, אַז סך־הכל זיינען געווען 399 צופאַלן פון כאָלערע, וואָס 130 פון זיי איז אויסגעפאַלן אויף צוויי חדשים פון דער אָקופּאַציע.

ריידנדיק וועגן די פאַלן פון קראַנק ווערן אויף קלעפּיקע מחלות, קען איך ניט פאַרבייגיין ניט צו דערמאָנען אַזאַ מערקווירדיקע ערשיינונג: צוזאַמען מיט טויזנטער פאַלן פון טיפוס און דיזענטעריע האָט מען גאָרניט באַמערקט פאַר דער צייט פון דער אָקופּאַציע קיין מאָזלען, שאַרלאַך און דיפטעריט. די דאָזיקע לעצטע מחלות, באַזונדערס מאָזלען, זיינען געוואָרן אַ בייטש פאַר דער שטאָט ווילנע בלויז צום סוף זומער 1918, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די רעעוואַקואַציע פון רוסלאַנד אין אונזער קאַנט אַריין.

די פאַרהיטונגס־מיטלען קעגן דער פאַרשפּרייטונג פון טיפוס זיינען געווען אומגעווייטלעך שטרענג. אַזוי, למשל, בעת מ׳האָט אין הויז נומער 29 אויף סיבאָטשער גאַס אַנטדעקט אין איין צייט עטלעכע צופאַלן פון טיפוס, האָט מען דעם דאָזיקן אומגעהייערן בנין תיכף־ומיד אַרומגענומען, ווי מיט אַ קייט, מיט אַ מיליטערישער קאָמאַנדע, און אַלע זיינע געזונטע איינוואוינער, קרוב 300 מענטשן, האָט מען מיט געוואַלד אָפּגעפירט אין בנין פון דער אַנטאָקאָלער טורמע, וואו זיי האָבן אויסגעהאַלטן אַ געהעריקן קאַראַנטין. דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג האָט געקאָסט אויסערגעוויינלעכע כוחות און גרויסע געלט־הוצאות, כדי צו פאַרזאָרגן מיט שפּייז און אַלע נייטיקע אַנדערע זאַכן די דאָזיקע געזונטע מענטשן, וואָס מ׳האָט אָן אַ זין פאַרשפּאַרט אין טורמע. די רעזולטאַטן האָבן פונדעסטוועגן געוויזן, אַז מיט דעם דאָזיקן דראַקאָנישן מיטל איז דער ציל ניט אינגאַנצן דערגרייכט געוואָרן, ווייל אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט אינם זעלביקן הויז ווידער אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע.

צו די פאַרהיטונגס־מיטלען געהערן אויך די בעדער, וואָס מ׳האָט איינגעאָרדנט ביי איטלעכן שפּיטאָל. איך קען אָבער קאַטעגאָריש פאַרזיכערן, אַז די דאָזיקע דייטשע המצאה ביי די שפּיטאָלן האָט עקסיסטירט מער אין דער טעאָריע, אָבער אין



דער פּראַקטיק האָט זי זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ נישטיקן און צו טייערן ביסן.

ווייטער איז אויף די ראַיאָן־דאָקטוירים אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ התחייבות דורכצופירן אין זייערע ראַיאָנען די שוץ־איינשפּריצונגען קעגן טיפוס.

צו די פאַרהיטונגס־מיטלען קעגן דער פאַרשפּרייטונג פון קלעפּיקע קראַנקהייטן געהערט די פאַראָרדענונג, אַז בר־מינננס זאָל מען מקבר זיין אין אַ שעה אַרום נאָכן טויט און ניט אַנדערש ווי אין פאַרשלאָגענע טרונעס, דערביי דעם קערפּער איינוויקלען אין שוואַרצן טוך, איינגעווייקט אין ליזאָל; לוויות זיינען געווען שטרענג פאַרבאָטן: באַגלייטן דעם אָרון האָבן געהאַט רעכט בלויז 2—3 מענטשן.

ווייטער איז צוליב פאַרהיטונגס־צוועקן אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַר די איינוואוינער אַן עקסט שווערער פאַרבאָט אַריבערצופאָרן פריי פון איין וואוינונג אין דער אַנדערער: מ׳האָט געמוזט אַפריער פאַרזאָרגן זיך מיט באַשטעטיקונגען פון די סאַניטאַרע דאָקטוירים פון די צירקלען, וואו ס׳געפינען זיך די אַלטע דירה און די נייע, אַז אין משך פון די לעצטע זעקס וואָכן איז דאָרטן ניט געווען קיין פאַל פון אינפעקציאָנעלע קראַנקהייטן די פּראָצעדור פון אַזוינע השתדלותן פלעגט געדויערן עטלעכע וואָכן.

צוליב פאַרהיטונגס־צוועקן האָבן די דייטשן איינגעפירט אַ אינסטיטוט פון סאַניטאַרע פורמאַנעס, און די־יעניקע פורמאַנעס, וואָס זיינען געווען באַשטימט פאַר די דייטשן, האָבן געהאַט אויף די אַרבל אַ רויטן באַנד און אויף דער דראָזשקע דעם אות M. (Militär) מיט אַ רויטער פאַרב. רוסישע אונטערטאַנען פלעגן פאַר באַנוצן זיך מיט די דאָזיקע דראָזשקעס באַשטראָפט ווערן מיט צוויי חדשים טורמע אָדער מיט געלט־קנס ביז 10.000 מאַרק. די אייגנטימער פון די פּריווילעגירטע דראָזשקעס און זייערע זאַכן פלעגן דעזינפעקצירט ווערן איין מאָל אין וואָך און פלעגן זיך בכלל געפינען אונטער אַ סאַניטאַרער קאָנטראָלע.

אין האַרבסט 1917 זיינען מיטן צוועק צו קעמפן מיט דער אינפעקציע איינגעפירט געוואָרן איזאָלאַציאָנס־הייזער. סך־הכל איז אין ליטע געווען 100 איזאָלאַציאָנס־הייזער אויף 1997 בעטלעך. אויב ערגעץ אין אַ הויף האָט מען באַמערקט עטלעכע פאַלן פון טיפוס, דאַן פלעגן אַלע איינוואוינער פון דעם דאָזיקן הויף אַריבערגעפירט ווערן אין אַ איזאָלאַציאָנס־הויז (פאַר דעם דאָזיקן צוועק האָט אין ווילנע געדינט דער בנין פון אַנטאָקאָלער טורמע) אויף אַ טאָג 10 און פאַר דער דאָזיקער צייט פלעגן די דירות און די מענטשן דעזינפעקצירט ווערן.

איך וועל אַגב באַמערקן, אַז פאַר דער צייט פון דער דעזינפעקציע פון די דירות האָט מען ניט איין מאָל קאָנסטאַטירט, אַז דאָרטן זיינען פאַרפאַלן געוואָרן זאַכן; צוליב דעם האָבן די פאַראיינען פון די שכנים און פון די בעלי־בתים זיך משתדל געווען פאַר דער דייטשער מאַכט, אַז אויף דער צייט פון דער געצוואונגענער אינפעקציע זאָל ערלויבט זיין כאָטש איין מענטש צו פאַרבלייבן אין וואוינונג.

ניט געקוקט אָבער אויף די שטרענגסטע תחבולות, האָט דער טיפוס ווייטער געווילדעוועט. דאַן איז אָנגענומען געוואָרן אַ העראָאישער מיטל: אַלעמען ביז איינעם שיקן אין באָד אַריין. אינם דייטשן אָפּיציאָז „Wilnaer Zeitung“ פון 5 סעפּטעמבער 1917 דערציילט זיך, אַז אין ליטע זיינען געעפנט געוואָרן 134 בעדער, וואו טעגלעך קענען דעזינפעקצירט ווערן 40.000 מאַן. מ׳האָט עס געטאָן אויף אַזאַ אופן, אַז די באַזוכער פון אַלע געזעלשאַפטלעכע קיכן, ד. ה. קרוב 80 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, פלעגן לויט דער ריי געשיקט ווערן אין די בעדער. אויב עמיצער האָט ניט געהאַט קיין באַשטעטיקונג, אַז ער איז דעזינפעקצירט

געוואָרן אין אַ באָד, האָט מען אים אין קיך ניט געגעבן קיין מיטאָג. פון די דאָזיקע בעדער פלעגט דער עולם אין די הונדערטער קראַנק ווערן פון פאַרקילונגען און די קליידער זייערע פלעגן דאָרטן איבערגעפירט ווערן. קיין חידוש ניט, אַז דער עולם פלעגט צושטיין צו די דאָקטוירים מיט בקשות צו באַפרייען זיי, אויפן גרונד פון באַשטעטיקונגען פון אַ קראַנקהייט, פונם חוב צו באַזוכן די בעדער אָדער זיי פלעגן זיך קליגן אויף אַנדערע דרכים אַרויסצודרייען זיך פון דער דאָזיקער התחייבות.

מיט דער אומאויפהערלעכער טיפוס-עפידעמיע האָט די דייטשע מאַכט קונציק פאַרמאַסקירט אירע אַדמיניסטראַטיווע קאָמבינאַציעס.

אַזוי האָבן די אָקופּאַנטן אין זומער 1917, כלומרשט צוליב סאַניטאַרע צוועקן, פאַרמאַכט אַלע עלעמענטאַרע שולן און האָבן בשום אופן וועגן ניט ערלויבט צו עפענען זיי פונסניי נאָך די וואַקאַציעס, ניט קוקנדיק אויף אונזערע פילמאָליקע שריפטלעכע און מונדלעכע השתדלותן.

די דייטשן זיינען געווען טויב צו אַלע געבראַכטע מאָטיוון און פאַרן לערנען אין די שולן אומלעגאַל זיינען די פאַרוואַלטערס פון די שולן באַשטראָפט געוואָרן מיט אַרעסט אָדער מיט געלטקנס. אָבער הינטערן שירם פון פראָפילאַקטיק (פאַרהיטונג פון קראַנקהייטן) האָט זיך באַהאַלטן אַ פּאָליטישער צוועק: אויסוואַרטן דעם מאָמענט, ווען די שולן וועלן פאַקטיש אויפהערן צו עקסיסטירן, און דאַן אָן רעש עפענען אָבליגאַטאָרישע דייטשע שולן. דער דאָזיקער פאַרבאָרגענער צוועק האָט זיך אָפּן אויפגעקלערט אין נאָוועמבער 1917, ווען די דייטשן האָבן אַרויסגעוויזן אַ הסכם צו עפענען די שולן, אָבער אונטערן קאַטעגאָרישן תנאי אַיינצופירן אין אַלע קלאַסן 6 שעה דייטש אין וואָך.

מיט דער טיפוס-עפידעמיע האָבן די דייטשן אויך פאַרענטפערט די אומזיניקע פאַרבאָטן פון אַריינפאָר און אַרויספאָר, וואָס זיינען פאַרבליבן ביז דער סאַמע דייטשער רעוואָלוציע.

בכלל, ריידנדיק וועגן די שטרענגע מיטלען, וואָס די דייטשן האָבן דורכגעפירט מיטן צוועק צו קעמפן מיט טיפוס, קען מען ניט אַרויסלאָזן פון זינען די פּאָליטישע מאָטיוון, וואָס האָבן געוועקט זייער אומגלויבלעכע התמדה אין דער דאָזיקער ריכטונג.

דער אמת איז, אַז די דייטשע אינוואַזיע האָט געבראַכט אונזער קאַנט עקאָנאָמישן חורבן. די אַרבעטסלאָזיקייט, דער פולשטענדיקער שטילשטאַנד אין די געשעפטן, דער מוראדיקער יקרות און די זייער שפּירעוודיקע קנאַפּקייט פון שפּייז-מיטלען — בקיצור, דער פאַטאַלער קאָמפּלעקס פאַקטאָרן פון סיסטעמאַטישן ניט דערעסן ביי די ברייטע פאָלקס-מאַסן האָט בלי שום ספק גינסטיק געמאַכט דעם אויסבראָך פון דער עפידעמיע פונם אַזוי גערופענעם הונגער-טיפוס. ניט בלויז אין די מעדיצינישע קרייזן, נאָר אויך אין דער מאַסע האָט מען אָפט גערעדט וועגן די סאָציאַלע סיבות פון דער טיפוס-עפידעמיע. אָבער די דייטשן איז נייטיק געווען מיט כל-המעגלעכקייטן צו פאַרמאַסקירן דעם אמתן פאַטאָגענעזיס (סיבה פון דער קראַנקהייט) פון דער עפידעמיע און זיי האָבן, ניט אָן אַ באַהאַלטענער כוונה, איינזייטיק פונאַנדערגעבלאָזן די באַדייטונג פון איזאָלאַציע, קאַראַנטין, פון דעזינפעקציע און נאָך אַזוינע אַקאַדעמישע פאַרהיטונגס-מיטלען, זייענדיק מאַכטלאָז עפּעס אונטערצונעמען אויף צו פאַרבעסערן די דערנערונג פון די פאָלקס-מאַסן, וואָס אָן דעם איז דער קאַמף מיט דער טיפוס-עפידעמיע געגליכן צו אַ פּרוב צו לעשן אַ שׂרפה אָן וואַסער.

לסוף דאַרף מען פאַרצייכענען, אַז דעם סאַניטאַרן ענין האָבן די דייטשן געפירט זעלבסטהערשעריש, ניט צוגעצויגן צום אָנטייל די אָרטיקע כוחות. אמת, אין דעצעמבער 1916 איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרוב צו שאַפן אַ סאַניטאַרן ראַט מיט דער באַטייליקונג פון די עלטערע דאָקטוירים פון די אָרטיקע שפּיטאָלן און פון פאַרשטייער פון דער גייסטלעכקייט. דער דאָזיקער פּרוב האָט אָבער ניט געבראַכט צו קיין שום פּראַקטישע רעזולטאַטן.

---

## II. פּראָסטיטוציע.

נאָך די אינפעקציאָנעלע קראַנקהייטן זיינען די ווענערישע מחלות געווען דער אָביעקט פון אַ באַזונדערער זאָרג מצד דער דייטשער מאַכט.

די דייטשע אינוואַזיע האָט געגעבן אַ שטויס צו אַ קאָלאָסאַלער אַנטוויקלונג פון פּראָסטיטוציע אין אונזער שטאָט. מאַסן אַרבעטסלאָזע, מחנות הונגעריקע און פרירנדיקע, טויזנטער היימלאָזע פרויען, וואָס האָבן פאַרפלייצט די שטאָט, — דאָס זיינען געווען די עקאָנאָמישע סיבות, וואָס האָבן געוואָרפן פרויען אינם זומפּ פון פּראָסטיטוציע. אָבער ס׳זיינען אויך צוגעקומען וויכטיקע פּסיכאָלאָגישע פאַקטאָרן. די בלוטיקע אימות, דאָס אָפּגעהלשטע קולטור-לעבן, די אָפּשטאַרבונג פון יעטווידער פאַרשטענדיקער נאָרמאַלער טעטיקייט דעמאָראַליזירן די באַפעלקערונג, וואָס האָט אָנגעוואָרן די האָפענונג אויף אַ נאָענטער בעסערער צוקונפט. די דאָזיקע פאַרדאַרבנדיקע אַטמאָספערע דעגראַדירט דעם טאָנוס און די אידעאַלן פונם נאָרמאַלן קולטורעלן לעבן. די אומזיכערקייט אין דעם מאָרגנדיקן טאָג געבוירט אַ פאַרלאַנג צו לעבן מיטן מאָמענט, — „כאָטש אַ טאָג, אָבער מיינער, און מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן". און ווי אַן אָפּקלאַנג פון אַזוינע אימפּולסן האָט זיך אַריינגעריסן אין ווילנע דער טריבער שטראָם פון פאַרשיכורנדיקע אומבאַצוואָונגענע מגושמדיקע תּאוות, האָט זיך אַריינגעריסן, סטיכיש אָנגעטראָגן דורך די געשעענישן, אַ כוואַליע איבערלעבונגען פון געשלעכטלעכע תּענוגים. וועגן דער גרויס פונם אומריינעם שטראָם פון עראָטיק קען געבן אַ אומגעפערע פאָרשטעלונג די אימהדיקע ציפער פון 1100 פּראָסטיטוטקעס, וואָס זיינען פאַררעגיסטרירט געוואָרן אין חודש יוני 1916. איך זאָג „אומגעפער", ווייל ס׳איז ניט מעגלעך צו פאַרפיקסירן און צאָלן די מאַסע אינטימע פאַרבינדונגען, וואָס זיינען דערגאַנגען סיידן בלויז צו די דאָקטוירים ווענעראָלאָגן און אַקושערן.

וועגן דער ניט-אָפיציעלער פּראָסטיטוציע האָבן אין שטאָט צירקולירט, למשל, אַזעלכע אַנעקדאָטן:

אַז מ׳האָט געפרעגט אַ דייטש, וואָס האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּאָסטן, צי ווילנע וועט בלייבן ביי דייטשלאַנד אָדער ניט, זאָל דער דייטשער שׂרה האָבן געזאָגט: „צי ס׳וועלן אין ווילנע בלייבן די דייטשן, איז אַ ספק, אָבער אַז ס׳וועלן בלייבן „דייטשעלעך" דערין קען מען ניט צווייפלען".

צו אַן אַקושער-דאָקטאָר איז געקומען אַ דאַמע מיט אַ בקשה צו באַפרייען זי פון שוואַנגערשאַפט, האָט דער דאָקטאָר אויסגעבעטן אַ גרויסן האָנאָראַר. די דאַמע איז נשתומם געוואָרן פון דעם דאָזיקן האָנאָראַר און האָט אים געפרעגט: „פאַרוואָס האָט איר ביי מיר פאַראַיאָרן גענומען אין פינף מאָל וויניקער", „וואָס גלייכט איר, מאַדאַם, אָפּטרייבן אַ רוס, צי אָפּטרייבן אַ דייטש? אַוודאי איז אָפּטרייבן דייטשן אַ סך שווערער!" — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט.

מיט די ווענערישע קראַנקהייטן האָבן די דייטשע שׂררות געקעמפט מיט שטרענגע מיטלען. די פרויען, וואָס מ׳האָט זיי חושד געווען אין ליבעס-פאַרבינדונגען מיט די דייטשן, האָבן נאָכגעשפּירט אָפענע און געהיימע אַגענטן, און אָן צערעמאָניעס פלעגט מען זיי אַיינלאַדן אויף אַ רעוויזיע, זיי האָבן געמעגט זיין אפילו פאַרהייראַטע. אויב מ׳האָט קאָנסטאַטירט האָנאָרעע, האָט מען אַזעלכע פרויען מיט גוואַלד איבערגעלאָזט אין שפּיטאָל, ניט געאַכט אפילו אויף דעם פּראָטעסט פון די מאַנען. ס׳זיינען באַוואוסט סקאַנדאַליעזע פאַלן, ווען גראָבע פּאָליציילייט האָבן גע-

שלעפּט ערלעכע מיידלעך און אומשולדיקע פרויען אויף רעוויזיע איבער אַן אומבאַגרינדעטן חשד אָדער מחמת אַן אַנאָנימער מסירה פון שונאים אָדער מיטן צוועק אַרויסצופּרעסן געלט. מ׳האָט איבערגעגעבן וועגן אַזאַ שענדלעכן אַקט: איינער אַ הויז־אייגנטימער האָט געוואָלט פּטור ווערן פון אַ שכנטע, אַן אָרימע אלמנה, וואָס האָט ניט געצאָלט קיין דירה־געלט, — האָט ער אָנגערעדט דעם הויזוועכטער עדות צו זאָגן, אַז צו דער דאָזיקער אַלמנה קומען כּלומרשט אין שטוב דייטשע סאָלדאַטן, און ניט קוקנדיק אויף אירע פּראָטעסטן, האָט מען זי אַרויסגעזעצט פון דער דירה. כ׳וועל אגב איבערגעבן אויך דעם דאָזיקן אינצידענט: אין זייער אַן אָנשטענדיק הויז, פונם סוחר ק., וואו ס׳זיינען געווען דערוואַקסענע שיינע טעכטער, איז געקומען דער אַגענט פון געהיים־פּאָליציי, אַ ווילנער אַיינוואוינער ל., מיט אַ פאָדערונג צו געבן אים אַ גרויסע סומע געלט, אַניט וועט ער פאָדערן דעם בעל־הביתס טעכטער אויף רעוויזיע, ווייל דייטשן פלעגן קומען צו אים צו גאַסט. דעם אַגענטס געלט־פאָדערונג איז באַפרידיקט געוואָרן.

וועגן דער מאַסנדיקער פאַרשפּרייטונג פון האָנאָרעע צווישן די פרויען, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פּראָסטיטוציע, קען עדות זאָגן אַזאַ כאַראַקטעריסטישער פאַל: איינמאָל האָב איך באַטראַכט פאַרשוינען, וואָס האָבן געוואָלט אָנקומען אין יידישן שפּיטאָל; פרעג איך ביי איינער אַ פרוי, וואָס איז געשטאַנען אָן אַ זייט, אויף וואָס איז זי קראַנק, און באַקום אַן ענטפער: „מיט דער פרויען־קראַנקהייט, וואָס גייט איצטער אַרום“. אויף מיין פאַרוואונדערטער פראַגע, וואָס באַטייט דאָס, האָט זי שעמעדיק געענטפערט: „די קראַנקהייט, וואָס גייט איצט אַרום איז האָנאָרעע“.

פאַר דער גרויסער אַרמיי פּראָסטיטוטקעס זיינען, אַחוץ די ווענערישע אָפּטיילונגען ביי די אָרטיקע שפּיטאָלן, נאָך געעפנט געוואָרן נייע צוויי ספּעציעלע קראַנקנהייזער אויף 1000 בעטן — איינע אינם געוועזענעם לאָקאַל פון דער קאָמערץ־שול און איינע אינם לאָקאַל פון באַנק אויפן ראָג סובאָטשער גאַס און אָסטראָבראָם. די דאָזיקע קראַנקנהייזער האָבן זיך געפונען אונטער דער קאָנטראָלע פון אַ דייטשן דאָקטאָר, וואָס האָט געהאַט צו שאַפן איבערן אָננעמען און אויסשרייבן פּאַציענטקעס.

ביי די דאָזיקע קראַנקנהייזער זיינען שפּעטער געשאַפן געוואָרן נאַציאָנאַלע קאָמיטעטן פון דאַמען פון דער אָרטיקער געזעלשאַפט מיט די פונקציעס „פון די געזעלשאַפטן צו באַשיצן געפאַלענע פרויען“.

מיטן צוועק צו באַקעמפן די פּראָסטיטוציע זיינען דעם 8־טן יוני 1917 צעשיקט געוואָרן אַלע דאָקטוירים צירקוליאַרן, וואו מ׳האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט אַ חוב צו מעלדן דעם „שטאָט־דאָקטאָר“ (Stadtkreisarzt) וועגן אַלע פאַלן פון געהיימער פּראָסטיטוציע; דערביי זיינען אין צירקולאַר באַריכות באַשריבן געוואָרן די מאַקיאַוועלישע מיטלען פון אויסשפּירן אַזוינע פאַלן. צו דעם אייגענעם צוועק איז אויף דעם שטרענגסטן אופן פאַרווערט געווען די אָרטיקע דאָקטוירים צו קורירן דייטשן; וועגן די מיליטערלייט, וואָס זיינען קראַנק געוואָרן אויף ווענערישע קראַנקהייטן, האָבן די דייטשע דאָקטוירים מודיע געווען אַהיים, קיין דייטשלאַנד.

פון האַרבסט 1917 האָט זיך די צאָל פּראָסטיטוטקעס אין די לאַזאַרעטן ממשותדיק פאַרקלענערט. אַ טייל פון זיי, וואָס זיינען מיט גוואַלד גענומען געוואָרן אויף קוראַציע, זיינען נאָכן געזונט ווערן אָפּגעלאָזט געוואָרן אַהיים; אַ סך פון די געוועזענע פּראָסטיטוטקעס זיינען נאָכן אויסקורירן אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף דער פּראָווינץ אויף צוואַנג־אַרבעט. פּאַראַלעל דערמיט איז פאַרקלענערט געוואָרן אויך דער שטאַט דאָקטוירים אין די לאַזאַרעטן.





אין האַרבסט 1918 זיינען אין די לאַזאַרעטן סך־הכּל געווען ניט מער ווי 200 פרויען, און דעמאָלט האָט מען איינעם פון די צוויי לאַזאַרעטן (אויף אָסטראָבראָם) פאַרמאַכט.

---

## III. די השגחה איבער גייסטיק־קראַנקע.

די תּנאים פון אויסהאַלטן און אַרומגיין אַרום די גייסטיק־קראַנקע זיינען געווען אַזוי שרעקלעך, אַז דאַנטעס גיהנום דאַרף אויסוויין ווי אַ צו שוואַכער פאַרגלייך. דער פאָרשפּיל צו דער טראַגעדיע פון דער השגחה איבער די גייסטיק־קראַנקע האָט זיך אָפּגעשפּילט נאָך ביז דער אָקופּאַציע. די קליין־ווילייקער פּסיכיאַטרישע הייל־אַנשטאַלט פונם „אָקרוג“ האָט זיך געגרייט די העכער טויזנט חולאים, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען, צו עוואַקואירן קיין צענטראַל־רוסלאַנד; אַזוי־אַרום איז די גרעסטע אַנשטאַלט אין קאַנט געוואָרן אומצוטריטלעך פאַר דער אינטערנירונג פון פּסיכיש־קראַנקע. פון דער אַנדער זייט, האָט דער פאַמיליען־פּאַטראָנאַזש, וואָס האָט דעמאָלט עקסיסטירט אין אָלקעניק (דריטע סטאַציע פון ווילנע), וואו ס׳האָבן זיך אויפגעהאַלטן קרוב 100 פּסיכיש־קראַנקע יידן, לויט דער פאָדערונג פון דער רוסישער מיליטערישער מאַכט, געמוזט ליקווידירן זיין טעטיקייט, — דער פּועל־יוצא דערפון איז געווען, אַז איבער דער שטאָט האָבן אַרומגעבלאָנקעט צענדליקער גייסטיק־קראַנקע יידן אָן אַ היים. האָט מען פאַר זיי דעמאָלט צייטווייליק אַיינגעאָרדנט אין קרענגעלס הויף (פּרעאָבראַזשענסקע 4) אונטערן פרייען הימל אַ בית־הקברות פון מענטשלעכן געדאַנק. פון קרענגעלס הויף האָט מען זיי נאָכדעם צוגענומען ערגעץ אין אַ שמוציקן הקדש אויף נאָוואָגראָדער גאַס, וואו די דערנערונג און די היגיענישע תּנאים זיינען געווען אויף אַזוי פיל אומבאַפרידיקנדיק, אַז זיי, די אומגליקלעכע חולאים, זיינען איינער נאָכן אַנדערן אַריבער אין דער בעסטער פון די וועלטן, פונוואַנען קיין צוריקקער איז שוין ניטאָ. די אָרימע שארית־הפּליטה זייערע האָט שפּעט אין האַרבסט געפונען אַ מקום־מקלט אין ווילנער יידישן שפּיטאָל, אָבער היות זיי זיינען אַריין אַהין מיט אָפּגעשטאָרבענע ענדגלידער, מחמת קעלט, און מיט ערשיינונגען פון אינאַניציע מחמת ניט דערעסן, זיינען זיי גיך אויסגעשטאָרבן. די גייסטיק־קראַנקע קריסטן האָבן באַקומען השגחה אין שפּיטאָל „יאַקאָב“, אָבער צוליב דעם, וואָס דער אָרדינאַטאָר פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג איז אין אַווגוסט 1915 אומגעריכט אַוועקגעפאָרן, זיינען די פּסיכיש־קראַנקע דאָרטן איבערגעלאָזט געוואָרן אָן דער געהעריקער השגחה און האָבן אויך געגעבן אַ גרויסן פּראָצענט שטערבלעכקייט.

לסוף איז לויט דער פאַראָרדענונג פון דער דייטשער מאַכט אָרגאַניזירט געוואָרן פאַר די יידישע און קריסטלעכע פּסיכיש־קראַנקע אַ פרויען־אָפּטיילונג ביים יידישן שפּיטאָל און אַ מאַנסבילשע — ביים שפּיטאָל „יאַקאָב“. דער דאָזיקער מאָדוס האָט עקסיסטירט אַ קורצע צייט — אַ חדשים אָנדערהאַלבן, און נאָכדעם האָט מען אַלע פּסיכיש־קראַנקע אָן אַ יוצא־מן־הכּלל, — ד. ה. די מאַנסביל און די ווייבער, די קריסטן און די יידן, — אינטערנירט אין יידישן שפּיטאָל אונטער מיין השגחה. ביים צופאָר פון יידישן שפּיטאָל איז געווען אַרויסגעשטעלט אַ ברעטל מיט אַן אויפשריפט: „Jüdisches Krankenhaus. Abteilung für Geisteskranke“.

היות די פּסיכיאַטרישע אָפּטיילונג פלעגט שנעל פול ווערן, האָט מען געזען שיטערער צו מאַכן די גרויסע מאַסע חולאים און מ׳האָט געעפנט אין שטאָט טוירעגן אַ צענטראַלע פּסיכיאַטרישע הייל־אַנשטאַלט פאַר גאַנץ ליטע, וואָס איז געווען אויסגערעכנט אויף 25 בעטן.

פון דער דאָזיקער צייט הייבט זיך עס אָן דאָס פינסטערסטע

און שענדלעכסטע בלעטל אין דער געשיכטע פון פּסיכיאַטריע פאַרן פּעריאָד פון דער אָקופּאַציע.

טויראָגען איז געווען אַן אָרט פון „פאַרשיקונג”: די חולאים פלעגן דאָרט אינטערנירט ווערן מיט געוואַלד און פלעגן ניט אָפּגעגעבן ווערן אויף דער השגחה פון די קרובים. די חולאים האָט מען געשיקט אַהין פּאַרטיעסווייז צו 15—20 מאַן. די קרובים פון אונזערע חולאים פלעגן אַפּריער דערגיין, צי מ׳האָט בדעה צו טראַנספּאָרטירן קיין טויראָגען, און פלעגן דאַן באַצייטנס איילן צוצונעמען זייערע קראַנקע אַהיים, איידער עס האָט זיך באַקומען די פאַראָרדענונג וועגן דער עוואַקואַציע. די דייטשע מאַכט איז געווען גאַנץ גוט אינפאָרמירט, אַז דער איין נאָמען „טויראָגען” וואַרפט אָן אויף דער באַפעלקערונג אַ שרעק. וועגן דעם זאָגט קלאָר און דייטלעך עדות אַ דאָקומענט פון 27 מערץ 1918, וואָס האָט זיך ביי אונז איינגעהיט. דער דאָקומענט האָט אַ שייכות צום חולה מ ע ט ש ק אָ ח ס ק י, און אין אים וואָרנט דער מעדיציניש׳ער אינספּעקטאָר ט י ע ד ע מ אַ ן דעם קראַנקנס מוטער, וואָס האָט געבעטן, מ׳זאָל איר אַרויסגעבן איר זון פון שפּיטאָל אויף איר אייגענער השגחה, אַז אויב איר זון וועט ווידער קראַנק ווערן און אָפּגעגעבן ווערן אין אָרטיקן שפּיטאָל, זאָל מען אים תיכף=ומיד אַריבערפירן קיין טויראָגען. דעם קסיאָנדז פּ., וואָס איז צוגעשיקט געוואָרן צו אונז צום באַטראַכטן, האָט מען מיט געוואַלד אַוועקגעשיקט קיין טויראָגען, ניט געקוקט אויף די השתדלותן פון דער קאָנסיסטאָריע און פון די קרובים זיינע. איך האָב אים געהאַלטן פאַר אַ גייסטיק=געזונטן. מ׳האָט געזאָגט, אַז די סיבה פון צוואַנג=אינטערנירונג איז געווען פּאָליטישע נקמה.

אין טויראָגען האָט זיך פּראַקטיקירט אַן אָריגינעלער מיטל צו באַרואיקן די אומרואיקע משוגעים און צו דערנערן די, וואָס פלעגן זיך אָפּזאָגן פון עסן. מ׳פלעגט די אומרואיקע אויסטאָן נאַקעט און איבערלאָזן אָן עסן אַ סך טעג אין אַ פינסטערן קאַרצער. זיי פלעגן טאַקע, אמת, באַרואיקן זיך, אָבער... שוין אויף אייביק. אין פאַל פון אָפּזאָגן זיך פון עסן פלעגט דער דאָקטאָר=פּאַרוואַלטער, לויט ספּעציאַליטעט אַ כירורג, אָנקוועלנדיק פון זיין חכמה, אַזוי חקרנען זיך: „וואָלטן זיי געהאַט אַפּעטיט, וואָלטן זיי זיך ניט אָפּגעזאָגט; וויבאַלד אַזוי דאַרפן זיי טאַקע ניט עסן”. די אַדמיניסטראַציע פון טויראָגענער קראַנקנהויז פלעגט אונז צושיקן — אמת מיט אַ גרויסער פאַרשפּעטיקונג,—אָפיציעלע ידיעות וועגן די געשטאָרבענע. פון די דאָזיקע ידיעות איז צו זען, אַז פאַר די פיר זומערדיקע חדשים פונם יאָר 1917 זיינען פון 63 גייסטיק=קראַנקע, וואָס זיינען עוואַקואירט געוואָרן אַהינצו פונם יידישן שפּיטאָל, דאָרטן געשטאָרבן 40 מאַן. פּירושים זיינען איבעריק! אָבער אַחוץ די אָפיציעלע ידיעות פלעג איך באַקומען אויך ניט אָפיציעלע ידיעות וועגן די אימהדיקע מעשים=תעתועים, וואָס פלעגן אָפּגעטאָן ווערן אין דעם דאָזיקן „געלן הויז”, וואָס צו אים האָט געפּאַסט די אויפשריפט, וועלכע איז געווען אויף דעם טויער פון דאַנטעס גיהנום: „דער וואָס גייט אַריין אין דעם דאָזיקן טויער דאַרף פאַרלאָזן יעטווידע האָפענונג אַרויסצוגיין צוריק”.

די ניט אָפיציעלע ידיעות פלעגן אָנקומען ניט אַזוי לייכט: די פאַרטיע עוואַקואירטע חולאים פון אונזער שפּיטאָל פלעגט איטלעכס מאָל באַגלייטן דער דינער=פּערסאָנאַל, וואָס פלעגט אויפנעמען ידיעות הן דירעקט הן פון דער באַפעלקערונג פון דער סביבה. אָבער לא=די, וואָס מ׳האָט אונזערע מענטשן ניט געלאָזט אַריבערטרעטן דעם שוועל פון טויראָגענער קראַנקנהויז, פלעגט זיי נאָך דערצו כסדר באַגלייטן איבערן שטעטל אַ מיליטערישער סאַניטאַר מיט דעם שטרענגן אויג פון אַ וואַכהונט. אַז אונזער משגיח האָט אַמאָל געפּרובט אַרויסמאַכן זיך פונם חוצפּהדיקן באַגלייטער און איז אַוועק נאָך ידיעות צום אָרטיקן גלח, איז



דער דייטשער סאָלדאַט, וואָס האָט פאַרשטאַנען פּויליש, אויף אַ רגע ניט אָפּגעטראָטן און איז ביי געווען די גאַנצע צייט פון זייער שמועס. ווי שטרענג מ׳האָט אָפּגעהיט די סודות פונם טויראָגענער גיהנום, איז אגב קענטיק דערפון, וואָס אַפילו די געזונט געוואָרענע פלעגט אָנקומען מיט גרויסע שוועריקייט אַרויסקריגן צוריק צו זייערע פאַמיליעס.

צווישן עולם זיינען געגאַנגען קלאַנגען, אַז די קראַנקע פלעגט מען פאַרסמען: איך בין זיך מודה, אַז צוהערנדיק זיך צו די טרויעריקע דערציילונגען וועגן דעם דאָזיקן "געלן הויז”, בין איך געקומען צום אויספיר, אַז די דאָזיקע קלאַנגען האָבן אַ געוויסן גרונד. די זאַך באַשטייט אָט אין וואָס: מיין דאָקטאָרישע אויפמערקזאַמקייט איז ניט איינמאָל געפאַלן אויף דעם אומגעוויינלעכן און מערקווירדיקן אומשטאַנד, וואָס, לויט די צוגעשיקטע רשימות פון די מתים, זיינען עס כסדר געשטאָרבן דווקא די פיזיששטאַרקערע משוגעים, אַפילו אַזוינע, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אַטלעטישן קערפּערגעבוי, און ניט יענע משוגעים, וואָס זיינען געווען קרענקלעך, פיזיש שוואַך און שלעכט דערנערט. בשעת ס׳פלעגן זיך באַקומען פון טויראָגען די מעלדונגען וועגן געשטאָרבענע, פלעג איך און דער דינער=פּערסאָנאַל פון שפּיטאָל, וואָס האָבן געקענט די געשטאָרבענע ביז זייער עוואַקואַציע, אויסדריקן איבער דעם אונזער גרעסטע פאַרוואונדערונג. טראַכטנדיק איבער דער דאָזיקער רעטעניש, האָב איך גענומען אין זינען די פאָלגנדיקע פאַקטן: דער טויראָגענער גלח האָט צווישן אַנדערן איבערגעגעבן אונזער משגיח, אַז ווען ער האָט אויפמערקזאַם געמאַכט דעם דאָקטאָר=פּאַרוואַלטער אויף דער איבערראַשנדיקער שטערבלעכקייט פון די גייסטיק=קראַנקע און האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס רופט מען אים קיין מאָל ניט צום ווידוי פון די גוססים, האָט ער באַקומען אַן ענטפער, אַז זיי שטאַרבן פּלוצלונג; די דאָזיקע פּלוצלעכקייט איז דעם גלח אויסגעקומען פאַרדעכטיק. פון דער צווייטער זייט, האָב איך זיך דערוואוסט אַלס זיכערן פאַקט, אַז די אומרואיקע קראַנקע מאַכט מען אָ פּ ט עפּעס איינשפּריצונגען אונטער דער הויט. קאָמבינירנדיק די דאָזיקע פאַקטן, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויף אַזאַ השערה, וועלכע קומט מיר אויס זייער קרוב לאמת: די שטאַרקערע גייסטיק=קראַנקע זיינען געפערלעכער פיזיש פאַר די אַרומיקע בשעת אַ אָנפאַל פון ווילדן משוגעת. כדי צו מאַכן זיי אומשעדלעך אין פאַלן פון ווילד געוואָרענעם צושטאַנד, האָט מען זיי אָפט איינגעשפּריצט גרויסע דאָזעס נאַרקאָטישע מיטלען. דערמיט קען מען דערקלערן די אָפטקייט פון אומגעריכטן טויט און אויך די מערקווירדיקע ערשיינונג, פאַרוואָס זיינען אַזוי שרעקלעך אָפט געשטאָרבן דווקא די פיזיש=בליענדיקערע פון די גייסטיק=קראַנקע. דאָס אַכזריותדיקע באַהאַנדלונג די גייסטיק=קראַנקע אין טויראָגען האָט שוין ווייטער מער ניט געקענט טאָלערירט ווערן, און דער דאָקטאָר=פּאַרוואַלטער איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן. מ׳האָט געזאָגט, אַז דער פּראָצעס איז אויפגעהויבן געוואָרן כלומרשט לויטן אָנקלאָג פון אַ וואַרטערין, אַ רוסישער אונטערטאַנערין און אַז ס׳זיינען אויסגעפרעגט געוואָרן אַ סך עדות.

דעם נייעם פּאַרוואַלטער האָט אָפּגעגאָלטן קענטיק צו פאַרבעסערן דעם רעזשים פון קראַנקנהויז. אָבער פון יולי 1918 האָט אויפגעהערט דאָס שיקן חולאים קיין טויראָגען. אַלע גייסטיק=קראַנקע פון ווילנער ראַיאָן האָט מען גענומען אינטערנירן אין אָרטיקן שפּיטאָל „יאַקאָב”. פאַרן אָפיציעלן פּאַרוואַלטער האָט זיך גערעכנט דער עלטערער דאָקטאָר פונם שפּיטאָל, ד״ר זאַוואַדסקי, און איך האָב אויסגעפירט די ראָלע פון אַ קאָנסולטאַנט פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג. אין דעצעמבער 1918 זיינען דאָרטן געווען סך=הכל קרוב 70 מאַן פּסיכיש=קראַנקע, יידן און קריסטן.

ריידנדיק וועגן דעם גורל פון די גייסטיק=קראַנקע, וועל איך אגב=אורחא בקיצור באַרירן אויך די וויכטיקע געזעלשאַפט-

לעכע פראַגע וועגן דער אויספאָרשונג פון די פאַרשוינען, וואָס זיינען פאַרדעכטיק אין גייסטיקער צעטרייסלונג. איך בין ניט איין מאָל אַרויסגערופן געוואָרן אויף אַזעלכע אויספאָרשונגען. ס'האָט זיך פּראַקטיקירט אַן עקסט פּרימיטיווע פּראָצעדור פון עקספּערטיזע:

דער דאָקטאָר האָט געגעבן אַ שבועה, האָט קורץ געענט־פערט אויף די פראַגן פונם ריכטער און האָט אונטערגעשריבן זיינע ווערטער, וואָס זיינען פּאַרפּראָטאָקאָלירט געוואָרן דורכן ריכטער. מחוץ לתחום פון געריכט פלעגט ביי די אויספאָרשונגען, אַחוץ דעם ריכטער, בייזיין אויך אַ פּאָליצייאישער באַאַמטער. די מסקנא פונם דאָקטאָר,—לכל הפּחות אין מיינע פאַלן,—האָט באַ־קומען אַ געזעצלעכע קראַפט. אויב מ'זאָל נעמען אין אַכט, אַז אין איינעם, למשל, פון מיינע פאַלן איז אויפן יסוד פון אַזאַ קורצער מסקנא פון איין פערזאָן אַנולירט געוואָרן אַ צוואה, און אין אַן אַנדער פאַל איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַן אַפּאָטראָפּסות אויף אַ פאַבריקאַנט, — דאַן דאַרף מען אַזאַ מין געריכטלעך־מעדי־צינישע עקספּערטיזע אָנערקענען שוין פאַר צופיל פּאַראייַנפאַכט, וואָס קען פאַרענטפערט ווערן סיידן מיט די אומשטאַנדן פון דער אָקופּאַציע־צייט.

---

## IV. שטערבלעכקייט.

צו די גרויסע געזעלשאַפטלעכע פּורעניותן פאַר דער צייט פון דער אָקופּאַציע געהערט די אומגעוויינלעך הויכע מדרגה פון שטערב־לעכקייט. אין אָנהייב יאָר 1917 איז „דער דאָזיקער קרעכץ פון די בלוטיקע קברים פון מאַסן פאַרטיליגטע לעבנס" געוואָרן אַזוי אימהדיק גרויס, אַז ער האָט געמאַכט אויפשווידערן ניט בלויז די אָרטיקע באַפעלקערונג, נאָר אויך די זיגער, די דייטשן. די אין פאַרלעגנהייט געקומענע שררות האָבן זיך באַמיט אָפּצושוואַכן דעם פאַר זיי אומגינסטיקן רושם. האָבן זיי קאָמאַנדירט אין שפּיטאָל אַ פּראָפעסאָר, וואָס האָט ביים פּאַלמעסן! אַמיט זיך איינצורייידן די דאָקטוירים, אַז זיי האָבן אַ טעות אין דעם באַשייינפּערלעכן פאַקט, אַז די הויפּט־סיבה פון דער מגפהדיקער שטערבלעכקייט איז—דער הונגער. ווייטער זיינען דעם 1־טן פעברואַר 1917 די דאָקטוירים אַרויסגערופן געוואָרן צו דער מעדיצינישער מאַכט און מ'האָט זיי דיפּלאָמאַטיש מתרה געווען ניט צו שרייבן אין די קבורה־שיינען דעם ריכטיקן דיאַגנאָז—הונגער, וואָס קען אַזוי שלעכט ווירקן אויף די געמיטער. אָנשטאָט „Hungertod“ האָבן די דרייסטערע געשריבן די לאַטייניש, דעם אויער ווייניקער שניידנדיקערע נעמען—,Jnanitio (אויסצערונג) Marasmus און די מער פחדנישע האָבן געשריבן—שווינדזוכט, נירן־אָנצינדונג וכדומה.

אַ גאַנצע ריי אומגינסטיקע פאַקטאָרן האָבן געשלאָסן אַ טייוולאָנישן בונד—אומברחמנותדיק צו פאַרטיליגן די ווילנער באַ־פעלקערונג. דער פעסטסטער בונד איז געווען דער בונד פון צוויי פאַקטאָרן—הונגער און קעלט, מחמת דער ווינטער פון יאָר 1916/17 האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ שאַרפקייט און אַ דויערהאַפטיקייט, וואָס זיינען געווען אומגעוויינלעך פאַרן אָרטיקן קלימאַט: באַזונ־דערס אין די פאַרשטעטלעך פון שטאָט האָט מען ניט זעלטן גע־פונען ניט ווייניק פאַרפראָרענע בר־מינגס. די קעלט אין די דירות האָט זיך געלאָזט פילן נאָך מער דערמיט, וואָס האָלץ צום הייצן איז שרעקלעך טייער געוואָרן, סיי מחמת ס'זיינען ניט געווען קיין פערד אויף אַרויסצופירן פון וואַלד, סיי מחמת דעם רויבערישן אויסהאַקן די וועלדער און דעם אַרויספירן דאָס געהילץ קיין דייטשלאַנד.

דעם הויפּט־קאָנטינגענט שטאַרבנדיקע האָבן געגעבן די עלטע־מענטשן, וואָס גוטע דערנערונג איז פאַר זיי דער ערשטער תּנאי אויף צו פאַרלאַנגזאַמען דעם קרענקלעכן פּראָצעס. אַ טרויעריקע



פּריווילעגיע אין דעם פּרט האָבן באַשייינפּערלעך קודם כל געהאַט די שווינדזיכטיקע, צו וועמען ס'האָבן זיך געפּאַסט די ווערטער פונם דיכטער: „וואָס אַ טאָג ווייטער, אַלץ קירצער צום קבר דער וועג, אונזער וועג".

די קראַנקהייזער זיינען איבערפילט געוואָרן מיט שווינד־זיכטיקע, אַזוי אַז די, וואָס פלעגן קומען באַזוכן די חולאים, פלעגן גלייך פרעגן: „וואו זיינען דאָ די שווינדזיכטיקע פּאַלאַטעס".

ווייטער האָט דער טויט אָן רחמנות אַוועקגעטראָגן אין קבר אַריין אויך אַנדערע קאַטעגאָריעס כראָניש־קראַנקע, וואָס אין אַ נאָרמאַלער צייט, ביי גוטע תּנאים פון דערנערונג און געהעריקער דיעטע, ציען זיי ווי עס איז גאַנץ לאַנג.

אַ צווייטע סיבה, וואָס פלעגט אַרויסרופן די שטערבלעכ־קייט, איז געווען די צוואַנג־אַרבעט. פון האַרבסט 1916 האָט אויפן קאָפּ פון די אומגליקלעכע איינוואוינער פונם אָקופּירטן קאַנט אַראָפּגעלאָזן זיך אַ נייע מכּת־מצרים: מ'האָט אָן שום שיינונג גענומען שיקן אויף צוואַנג־אַרבעט מאַנסביל—ערגעץ־וואו אויף פּראָווינץ—אין עלטער פון 17 ביז 60 יאָר. פון דער אַרבעט זיינען געווען באַפרייט: כלי־קודש, מעדיצינישער פּערסאָנאַל און די, וואָס האָבן איינגעצאָלט 600 מאַרק פאַרן ערשטן האַלביאָר. מיט קראַנק־הייטן האָט מען זיך ניט באַזונדערס גערעכנט. און צווישן די דאָזיקע פּערזאָנען, טיילווייז ניט צוגעוויינטע צו פיזישער אַרבעט, וואָס האָבן זיך דערנערט מיט „קאָנסערוון" פון ים־הינט און מיט „ברויט" פון פּאָלאַווינעס מיט וויקע; וואָס האָבן געאַרבעט פון זונאויפגאַנג ביז זונאונטערגאַנג אין תּנאים, וואָס זיינען מסוגל געווען גורם צו זיין פּאַרקילונגס־קראַנקהייטן; וואָס האָבן געליטן זילזולים און קלעפּ פון די אויפזעער—די סאָלדאַטן; וואָס זיינען פּאַרפּייניקט געוואָרן פון אַרבעט און אויסגעצערט פון הונגער,—צווישן אָט די פּערזאָנען האָבן זיך אָנגעהויבן מגפהדיקע קראַנק־הייטן, וואָס האָבן אַוועקגעטראָגן הונדערטער קרבנות. געשטאָרבן זיינען די קרבנות פון הפקרות, הונגער און קעלט אין שפּיטאָלן, „היימען" און פשוט אונטערן אָפענעם הימל, וואַלגערנדיק זיך אויפן ברוק און טראָטואַרן פון די פּילבאַלעבטע גאַסן.

גענוי אויפצושטעלן די ציפער פון שטערבלעכקייט איז גע־ווען ניט לייכט, מחמת די מאַכט האָט ניט אַרויסגעגעבן אַזוינע אָפיציעלע ידיעות. אויף אַ פּריוואַטן אופן האָט מען איבערגעגעבן, אַז אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1917 זיינען געשטאָרבן צו 60 מענטשן אַ טאָג, וואָס האָט אויסגעמאַכט 144 אויף 1000, ד. ה. אין 4 מאָל מער ווי דער נאָרמאַלער פּראָצענט שטערבלעכקייט.

ווי אַ האַלב־אָפיציעלן מקור, קען אויך אָנווייזן אַ דעפּעש, וואָס די פאַרשטייער פון דער אָרטיקער געזעלשאַפט האָבן אין מאַי 1917 געהאַט בדעה אָפּצושיקן צום קאַנצלער מיטן צוועק אים אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף אונזערע צרות. דאָרטן האָט פיגורירט די ציפער פון שטערבלעכקייט—98 אויף 1000.

דעם 10 אָקטאָבער 1917 איז אין אָרטיקן אָפיציאָז „Wilnaer Zeitung" געדרוקט געווען אַן אַרטיקל וועגן דער שטערבלעכקייט אין דער שטאָט ווילנע. אין דעם אַרטיקל, קענטיק לויט דער אינספּיראַציע פון דער מאַכט, פּאָלעמיזירט דער מחבר מיט אויסלענדישע צייטונגען, וואו די שטערבלעכקייט אין ווילנע איז געשילדערט געוואָרן אין שוואַרצע פאַרבן.

קומענדיק אין דער פרי צו די באַשעפטיקונגען אין שפּי־טאָל, זיינען מיר יעדן טאָג געווען עדות־ראיה פון צונויפשטעלן צייגנישן וועגן טויט, אַזוי אַז ס'איז געוואָרן אַ ביטערע ווירקלעכ־קייט דער אומגעיינדיקער ווילנער אַנעקדאָט וועגן דעם, אַז דער איבערשטער האָט געוואָלט פאַרלייכטערן דעם מלאך־המות זיין שווערע אַרבעט און האָט פאַראָרדנט צו קאָנצענטרירן די וואָס דאַרפן שטאַרבן—אין די שפּיטאָלן.

וועגן איינעם פון אונזערע דאָקטוירים, וואָס האָט געדינט אין עטלעכע מעדיצינישע אַנשטאַלטן און האָט בכן געשלאָגן רעקאָרד אינם פּרט פון קבורה-שיינען, האָט מען דאַן גערעדט, אַז ער איז שרעקלעך איבערגעמאַטערט פון דער אַרבעט פון אונטערשרייבן די קבורה-בלאַנקען.

מיר קענען באמת קאָנסטאַטירן דעם פאַקט, אַז דער בית-עולם-וואָגן האָט בשום אופן ניט געקאָנט באַווייזן מיט דער אַרבעט: מ'האָט געדונגען עקיפּאַזשן, וועלכע פלעגן אָנגעלאָדן ווערן מיט אַרונות אין עטלעכע רייען, וואָס איז פאַר דער באַפעלקערונג געווען אַ נייס, ביז דעמאָלט אַ נאָך ניט געזעענס.

וועגן דער דאָזיקער טרויעריקער ערשיינונג האָט מען איבערגעגעבן דעם אַנעקדאָט: פאָרשטייער פון דער ווילנער באַפעלקערונג זיינען געקומען צו די אָרטיקע שררות מיט אַ בקשה וועגן הילף, זיך סומך זייענדיק אויף דעם טרויעריקן פאַקט פון קאָלאָסאַלער שטערבלעכקייט, אַזוי אַז ס'האָט ניט געקלעקט קיין פערד און קיין עקיפּאַזשן, כדי מ'זאָל אין דער צייט קאָנען מקבר זיין די מתים. די דייטשע שררות זיינען "ווייך געוואָרן" און האָבן כלומרשט מיט חסד געענטפערט: "גוט, מיר זיינען גרייט אייך צו קומען צו הילף און מירן געבן גענוג פערד און וואָגנס כדי מקבר צו זיין אייערע בר-מיננס".

דאָס טרויעריקע זייטל פון שטערבלעכקייט פאַרענדיק איך מיטן איבערציילן די פאַמיליעס פון 10 געשטאָרבענע דאָקטוירים. דאָס זיינען געווען: דאָקאַלסקי (זון), זאַק, קאַראַס, קאַדינאַצי, לפידות, מאַציאַנסקי, פּראָווין, שליאַק, יאַצונסקי, עפּשטיין.

---

## V. די ווילנער קראַנקנהייזער.

די געוועזענע דריי שפּיטאָלן פון שטאָט: "סאַוויטש", "הייליקער יאַקאָב" און יידישער, האָבן ווייטער פונקציאָנירט. דער שפּיטאָל "הייליקער יאַקאָב", וואָס האָט ביז דער אָקופּאַציע פאַרנומען דעם ערשטן אָרט, האָט מיטן אַריינמאַרש פון די דייטשן מער ווי אַלע דורכגעמאַכט גילגולים. דער שפּיטאָל "יאַקאָב" איז געווען אַפריער באַשטימט דערהויפּט אויף צו אינטערנירן פאַרוואונדעטע רוסישע געפאַנגענע מיליטער-לייט. אין סוף יאָר 1915 איז די צאָל פון די דאָזיקע פאַרוואונדעטע אין שפּיטאָל "יאַקאָב" געווען העכער 800 מאַן, בעת די צאָל חולאים פון דער בירגערלעכער באַפעלקערונג איז דערגאַנגען מאַקסימום ביז 200 מאַן, איינשליסנדיק שוין אויך די 80 גייסטיק-קראַנקע. כ'וועל אגב-אורחא באַמערקן, אַז די רוסישע פאַרוואונדעטע זיינען אַחוצדעם באַזאָרגט געוואָרן אינם "פּאַלאַץ-לאַזאַרעט" (אויף 250 בעטלעך), וואָס איז געווען אין הויז פון גענעראַל-גובערנאַטאָר, און אינם שטאָטישן לאַזאַרעט אין שטאָט-זאַל (אָסטראָבראָם 5). אָבער די צאָל פאַרוואונדעטע רוסן האָט זיך ביסלעכווייז פאַרקלענערט, מחמת אויף אונזער פראָנט זיינען ניט געווען קיין שלאַכטן; דערצו נאָך פלעגן די געוועזענע קראַנקע געפאַנגענע מיליטער-לייט נאָכן געזונט ווערן אָפּגעשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד. אָט פאַרוואָס דער שטאָטישער לאַזאַרעט האָט זיך אין מערץ 1916 אינגאַנצן פאַרמאַכט און די פרייע בעטלעך אין "פּאַלאַץ-לאַזאַרעט" זיינען פאַרנומען געוואָרן פון ציווילע פּערזאָנען, וואָס זיינען קראַנק געוואָרן אויף צוואַנג-אַרבעט. ווייטער האָט מען פאַר דעם ניט גרויסן קאָנטיגענט פּערזאָנען פון די קראַנק געוואָרענע געפאַנגענע מיליטער-לייט איינגעאָרדנט אַ לאַזאַרעט אינם געוועזענעם בנין פון דער אינטענדאַנטור (ראָג זאַמד-גאַס און זאַקרעט-גאַס), וואו געפאַנגענע רוסישע דאָקטוירים פ'צגן געבן מעדיצינישע הילף אונטער דער השגחה פון אַ דייטשן עסקולאַפּ. אַחוצדעם האָט ביים געוועזענעם מיליטערישן שפּיטאָל (אויף אַנטאָקאָל), וואָס די דייטשן האָבן אים רעקוויזירט פאַר זייערע אייגענע אינטערעסן, איין צייט עקסיסטירט אַ באַראַק אויך פאַר די רוסישע געפאַנגענע. נאָכדעם ווי ביים שפּיטאָל "יאַקאָב" איז ליקווידירט געוואָרן די קוראַציע פון געפאַנגענע מיליטער-לייט און ס'איז פאַרמאַכט געוואָרן די פּסיכיאַטרישע אָפּטיילונג ביי אים, איז דער פאַרנעם פון זיין טעטיקייט געוואָרן זייער באַשיידן: אין יוני 1917 איז דער דאָזיקער שפּיטאָל געווען אויסגערעכנט סך-הכל אויף 140 בעטלעך און האָט געהאַט אויף דינסט בלויז 2 דאָקטוירים. אין סעפּטעמבער 1917 איז דער עלטערער דאָקטאָר פון דעם דאָזיקן שפּיטאָל, ד"ר טור, פאַרשפּאַרט געוואָרן אין לוקישקער טורמע איבער אַ חשד אין פּאָליטישער ניט-כשרקייט. אין אַ וואָכן צוויי אַרום האָט מען אים אַפילו אַרויסגעלאָזן פון טורמע, אָבער ער איז אָפּגעזעסן אין הויז-אַרעסט אינם בנין פונם "פּאַלאַץ-לאַזאַרעט" האַרט ביזן שליסן דעם בריסקער שלום. אין מאַי 1918 איז ד"ר טור אָפּגעלאָזן געוואָרן קיין רוסלאַנד ווי אַ ד"ר פון רויטן קרייץ. אויף אַזאַ אופן איז דער שפּיטאָל "יאַקאָב" געבליבן בלויז ביי איין דאָקטאָר (ד"ר זאַוואַדסקי).

מ'דאַרף נאָך מוסיף זיין, אַז אין מאַי 1917 איז דער שפּיטאָל "יאַקאָב" אינגאַנצן פאַרמאַכט געוואָרן און זיינע חולאים זיינען אַריבערגעפירט געוואָרן אין לאָקאַל פון שטאָט-זאַל. דאָס פאַרמאַכן האָבן די דייטשן מאָטיווירט דערמיט, וואָס מ'האָט געהאַט בדעה אויסצונוצן דעם דאָזיקן לאָקאַל כלומרשט פאַר אינפעקציאָנעלע חולאים. אין דער אמתן אָבער איז די כוונה געווען צו פאַרוואַנדלען אים אין אַ שטאָטישן לוטעראַנישן שפּיטאָל, און זומער 1918, בעת ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטראָם פון עמיגראַנטן פון רוסלאַנד, האָט די דייטשע מאַכט געפּלאַנעוועט אַריבערצוציען קיין ווילנע דעם שטאַט פון עוואַנגעלישן קראַנקנהויז פון פּעטראָגראַד, כדי אויף אַזאַ אופן אונטער דער מאַסקע פון זעלבסטבאַשטימונג צו פאַרפעסטיקן אין ווילנע אַ שטאָטישן דייטשן שפּיטאָל. פונקט אין דער זעלביקער צייט האָבן די ליטווינער אויפן יסוד פונם זעלביקן פּרינציפּ פון זעלבסטבאַשטימונג עקשנותדיק זיך אויך משתדל געווען, מ'זאָל זיי דעם לאָקאַל פונם בנין פון "הייליקן יאַקאָב", וועלכער איז געשטאַנען ליידיק, איבערגעבן פאַר אַ ליטווישן שפּיטאָל. די דייטשן האָבן אָבער אָפּגעטאָן זיי אַ שפּיצל. זיי האָבן פּלוצלונג אַריבערגעפירט די חולאים פון שטאָט-זאַל אין שפּיטאָל "יאַקאָב" און, כדי צו דעמאָנסטרירן די באַדערפעניש אין דעם דאָזיקן בנין פאַר אייגענע צוועקן, האָבן זיי אַלס הוספה נאָך גענומען איינאָרדענען דאָרטן אַ צענטראַלע פּסיכיאַטרישע היילאַנשטאַלט אָנשטאָט טוראָגען.

דער שפּיטאָל "סאַוויטש" איז געבליבן ביי דעם פריערדיקן פאַרנעם פון זיין טעטיקייט. ער איז באַדינט געוואָרן פון פיר דאָקטוירים. דער עלטערער דאָקטאָר אָרלאָוו איז שפּעטער אַלס רוס געוואָרן אַראָפּגעזעצט און פאַרביטן מיט אַ דאָקטאָר אַ דייטש, אַ רוסישן אונטערטאַן. ביים שפּיטאָל "סאַוויטש" איז געעפנט געוואָרן אַ ווענערישע אָפּטיילונג (80 בעטלעך) פאַר יענע קראַנקע פרויען, וואָס האָבן געהאַט קינדער, בכדי די דאָזיקע קינדער זאָלן זיך ניט שיידן מיט זייערע מוטערס.

אין אָקטאָבער 1918 איז לויט דער איניציאַטיווע פון ד"ר גלאַזקאָ אויפגעקומען ביים שפּיטאָל "סאַוויטש" אַן אויגן-אָפּטיילונג אויף 20 בעטלעך מיט אַן אַמבולאַטאָריע. דערביי האָט זיך ד"ר גלאַזקאָ אָפיציעל גערעכנט פאַר אַ קאָנסולטאַנט פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג, און אָרדינאַטאָר פון דער אָפּטיילונג איז געווען פרוי-דאָקטאָר בורבאָ.

אין מאַי 1917 זיינען פאַרמאַכט געוואָרן די אַפּטייקן ביים שפּיטאָל "סאַוויטש" און "יאַקאָב"; רפואות האָבן די שפּיטאָלן באַקומען פון דער שטאָטישער אַפּטייק (ווילנער 23). ווייטער איז די פירונג פון דער ווירטשאַפט אַרויסגענומען געוואָרן פון רשות

ופן די עלטערע דאָקטוירים פון די שפּיטאָלן „יאַקאָב״ און „סאַוויטש״ אין איז אָנגעטרויט געוואָרן די אויפזעער—דייטשע סאָלדאַטן.

מער פון אַנדערע האָט אַיינגעהיט די פריערדיקע אָרדענונג דער יידישער שפּיטאָל. באַדינט דעם שפּיטאָל האָבן די דאָקטוירים פון אַלטן באַשטאַנד: דער עלטערער דאָקטאָר זאַלקינד און די אָרדינאַטאָרן ווירשובסקי און גרשון. אַחוצדעם האָבן די דאָקטוירים פּאָטשטער און ג. ד. ראָם ערפילט די פונקציעס פון צוויי אַוועקגעפאָרענע אָרדינאַטאָרן לויט אַ פרייוויליקן הסכם מיט זיי. די צאָל חולאים פון שפּיטאָל האָט אַפילו היבש אַריבערגעשטייגט די ציפער פון דער נאָרמאַלער צייט; זי איז דערגאַנגען ביז 260 מאַן (די נאָרמע איז געווען 150—180.)

אין שפּיטאָל איז געמאַכט געוואָרן אַ גרויסער רעמאָנט, דהיינו, ס׳איז דורכגעפירט געוואָרן קאַנאַליזאַציע און פאַרגרעסערט געוואָרן די צאָל פּאַלאַטעס. די אַפּטייק איז געבליבן ווי געווען. ס׳איז געבליבן אויף זיין שטעל דער אַלטער אויפזעער. דעם שפּיטאָל האָט זיך אַרויסגעגעבן אַ חודשדיקע סובסידיע פון 10,000 מאַרק. אין זיין פאַרוואַלטונג איז דער יידישער שפּיטאָל געווען אַווטאָנאָם, און האָט נאָר געדאַרפט, לויטן ביישפּיל פון די שפּיטאָלן „סאַוויטש״ און „יאַקאָב״, צושיקן אויספירלעכע באַריכטן דעם שטאָטהויפּטמאַן. אַזוי פלעגן טעגלעך געשיקט ווערן ידיעות וועגן דער באַוועגונג פון די חולאים, ד. ה. אַ נאָמענטלעכע רשימה פון די אָנגעקומענע, אויסגעשריבענע און געשטאָרבענע מיט דער באַצייכענונג פון דער קראַנקהייט; אַחוצדעם אַ רשימה וועגן דער באַוועגונג פון די חולאים פאַר יעדער וואָך; צום סוף אַ אויספירלעכער באַריכט וועגן דינער-פּערסאָנאַל און וועגן די פּערזאָנען, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן. מ׳האָט אויך געדאַרפט אויסבעטן אַן ערלויבעניש אויף אַלע אַרטיקלען פון הוצאות. די פאָרשטייער פון דער מאַכט האָבן פון צייט צו צייט באַזוכט דעם שפּיטאָל.

דאָס געצאָלט פון די חולאים האָבן די דייטשן אַיינגעשטעלט אין אָט דער מאָס: 2 מאַרק אַ מעת-לעת פון שטאָטיקע חולאים און 3 מאַרק פון ניטהיגע (אָנמערקונג: אין שלום-צייט האָבן די שטאָטיקע גאָרנישט געצאָלט און די ניטהיגע האָבן געצאָלט 25 קאָפּ. אַ מעת-לעת). דאָס געצאָלט פלעגן אויפמאָנען די דייטשן אַליין, און אויפן שטרענגסטן אופן: זיי פלעגן פאַרקויפן די קישנס, פלעגן אַרויסרייסן דאָס געלט ביי די קרובים פונם חולה א. א. וו. דאָס הויכע געצאָלט און די שטרענגע מיטלען פון אַיינמאָנען עס פלעגן אָפּשרעקן די באַפעלקערונג און דאָס האָט זיך קענטיק אָפּגערופן אויפן ענין ווענדן זיך נאָך שפּיטאָל-הילף: די צאָל חולאים אין אַלע שפּיטאָלן האָט גענומען היבש אָפּקומען. ביים אָנקומען פלעגט זיך פאָדערן ווייזן דעם פּאַס און די „דויערקאַרטע״ (ברויט-קאַרטע). אויף דער פאַרקלענערונג פון דער צאָל חולאים אין די שפּיטאָלן האָבן אויך געווירקט פאָלגנדיקע אומשטענדן.

אַחוץ דער פּסיכיאַטרישער אָפּטיילונג ביי די שפּיטאָלן האָט מען פון די ערשטע חדשים אָן פון דער אָקופּאַציע פאַרמאַכט אויך די ווענערישע אָפּטיילונג, און פון מאַי 1917—אויך די גינעקאָלאָגישע אָפּטיילונגען. דאָס צענטראַלע גינעקאָלאָגישע קראַנקנהויז, וואָס איז פאַרוואַלט געוואָרן פון ד״ר שליכטינג, וועלכער האָט אויסגעפירט די התחייבותן פון אַ מיליטערישן קרייז-אינספּעקטאָר, האָט זיך געפונען אין זווערינעץ (לוסטיקע גאַס 15). אין דעם דאָזיקן קראַנקנהויז איז געווען אַ דייטשער שטאַט דאָקטוירים און איבעריקן דינער-פּערסאָנאַל. דאָ פלעגט מען אַיינאָרדענען אויך אַקושאָרישע קורסן פאַר 20 צוהערערינס. אַגב האָט ביי דעם דאָזיקן פרויען-קראַנקנהויז עקסיסטירט אויך אַן אַמבולאַטאָריע פאַר פרויען מיט ווענערישע קראַנקהייטן. פון די אָרטיקע דאָקטוירים האָט זיך אין דער אַמבולאַטאָריע פונם גינעקאָלאָגישן קראַנקנהויז באַטייליקט ד״ר דאָמאַשעוויטש.





ווייטער האָבן די דייטשן אין מאַי—יוני 1917 געפּלאַנעוועט קרייז-היילאַנשטאַלטן פאַר די אומאויסהיילבאַרע כראָניש-קראַנקע, וואָס האָבן זיך געפונען אין די שפּיטאָלן, דהיינו אין יאַנאָווע (קאָוונ. גוב.) פאַר קריסטן, און אין טראָק פאַר יידן.

די דאָזיקע אַלע רעפאָרמען, די דריקנדיקע תּנאים פון אָנקומען אין שפּיטאָל, דאָס הויכע געצאָלט, די מניעות אין באַקומען ערלויבענישן צו פאָרן ערגעץ, האָבן שטאַרק משפּיע געווען, וואָס די צאָל חולאים אין די שפּיטאָלן איז קלענער געוואָרן, אַזוי אַז אין יוני—יולי 1918 איז די צאָל קראַנקע אין איטלעכן שפּיטאָל אַראָפּגעפאַלן ביז 50—60 נפשות.

פאַר די סטאַציאָנאַרע חולאים (חולאים, וואָס נייטיקן זיך אין קוראַציע אין אַ שפּיטאָל) פון אַלע רעליגיעס האָט נאָך עקסיסטירט אַ היילאַנשטאַלט, וואָס איז, לויט דער איניציאַטיווע פון ד״ר פּאָטשטער, געעפנט געוואָרן אין אָקטאָבער 1915 ביי „משמרת-חולים״ (קיעווער 5). אירע שטענדיקע דאָקטוירים זיינען געווען: ג. ד. ראָם, צ. שאַבאַד און א. מ. ווירשובסקי. דאָס געצאָלט איז געווען ניט גרויס און אין משך פון דער אָקופּאַציע-צייט בהסכם מיט די מקחים פון פּראָדוקטן. די היילאַנשטאַלט האָט באַקומען סובסידיע פון דער יידישער געזעלשאַפט. די שכירות פון די דאָקטוירים איז געווען שפּאָט-קליין; די היילאַנשטאַלט האָט געטראָגן טיילווייז אַ צדקה-כאַראַקטער. די צאָל קראַנקע איז דערגאַנגען מאַקסימום ביז 45 מאַן אַ מעת-לעת, און דורכשניטלעך צו 20—25.

די דאָזיקע היילאַנשטאַלט איז מערקווירדיק נאָך דערמיט, וואָס דאָ האָבן אָפּטער ווי אומעטום אָפּערירט די אָנגעזעענסטע דייטשע ספּעציאַליסטן: די כירורגן פּראָפ. קערטע, שטיך און באָקענהיימער, דער אָקוליסט פּראָפ. קלאַוזין, דער אויערן-דאָקטאָר בראַאונק א. א.

פון די פּריוואַטע היילאַנשטאַלטן האָבן אין שטאָט רעגולער די גאַנצע צייט פונקציאָנירט: 1) די היילאַנשטאַלט פון ד״ר בלאָך 2) פון ד״ר דעמבאָווסקי און 3) די אויגן-היילאַנשטאַלט פון די פּשעזדעצקיס אונטער דער פירונג פון באָגושעווסקאַ. ס׳האָט ניט אויפגעהערט איר טעטיקייט אויך די סטאַנציע פון „גיכער הילף״. באַריכטן וועגן איר טעטיקייט פלעגן אַלע טאָג געדרוקט ווערן אין די אָרטיקע צייטונגען. פונם פּובליקירטן באַריכט, למשל, פאַרן יאָר 1916 איז צו זען, אַז די סטאַנציע האָט פאַרן יאָר געגעבן הילף אין 3650 פאַלן; דערביי איז די קאַרעטקע אַרויסגעפאָרן 1730 מאָל.

אַמבולאַטאָרישע הילף איז געגעבן געוואָרן אין 4 שטאָטישע אַמבולאַטאָריעס, וואו ס׳האָבן אויפגענומען חולאים די סאַניטאַרע דאָקטוירים. די רפואות פלעגט מען דאָרטן אויך אַרויסגעבן אומזיסט.

אין דער אַמבולאַטאָריע „משמרת-חולים״ איז געבליבן בלויז אַ שאָטן פון איר פריערדיקער קאָכיקער טעטיקייט. ס׳האָבן איר באַדינט סך-הכל צוויי דאָקטוירים, וואָס האָבן, לויט די תּנאים פון דער צייט, ניט געקענט דערצו נאָך באַרימען זיך מיט פּינקטלעכקייט: מ׳האָט דאָרטן אויפגענומען סך-הכל 10—15 מאַן אַ טאָג. פון „משמרת-חולים״ פלעגט מען אַרויסגעבן טאַלאָנען אויף צו באַזוכן די חולאים אין דער היים, אָבער סך-הכל ביז 5 טאַלאָנען אַ טאָג. ממשותדיק האָט פאַרקלענערט איר טעטיקייט אויך די אַפּטייק פון „משמרת חולים״; דערצו נאָך האָט מען פאַר אַ רעצעפּט גענומען פון 25—40 קאָפּ. אַנשטאָט 10 קאָפּ.

אַחוצדעם האָבן עקסיסטירט שטאָטישע אַמבולאַטאָריעס: 1) פאַר הויטקראַנקהייטן און פאַר ווענערישע מחלות (ד״ר פּאָפּילסקי); 2) פאַר פרויען-קראַנקהייטן (ד״ר רימשאַ); 3) פאַר כירורגישע קראַנקהייטן (ד״ר קאָזלאָווסקי), און 4)—די אַמבולאַטאָריע פון דער געזעלשאַפט פון מעדיציניש-דערנערישער הילף (פּאָהוליאַנקע 15), וואָס ביז מאַי 1916 איז איר פאַרוואַל-

טערין געווען די פרוי־דאָקטאָר אַבראַמאָוויטש, און נאָכדעם ווי זי איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אין פּראָווינץ — ד״ר שאַבאַד, און אים ווידער האָט פון יוני 1918 פאַרביטן ד״ר צימבלער. די דאָזיקע אַמבולאַטאָריע פלעגט אויך אַרויסגעבן מילך און רפואות פון איר אַפטייקל פאַר 10 פעניג. די צאָל פון אירע באַזוכער איז דערגאַנגען ביז 60 מאַן אַ טאָג.

די דאָזיקע אַמבולאַטאָריע פלעגט באַקומען שטיצע טיילווייז פון שטאָט און טיילווייז פון אַנדערע מקורים.

ביי די אָרטיקע שפּיטאָלן זיינען פאַרמאַכט געוואָרן די אַמבולאַטאָרישע אויפנעמען, מאָטיווירט האָט מען עס מיטן יקרות אויף רפואות און מיטן דוחק אין דאָקטוירים.

---

## VI. די טעטיקייט פון די מעדיציינישע געזעלשאַפטן.

צווישן די 57 דאָקטוירים, וואָס זיינען פאַרבליבן אין ווילנע, זיינען געווען 27 מיטגלידער פון דער „ווילנער מעדיציינישער געזעלשאַפט“. די טעטיקייט פון דער דאָזיקער „געזעלשאַפט“ האָט זיך פונסניי אָנגעהויבן אין דעצעמבער 1916. ביז אָט דער צייט פלעגן פאָרקומען צופעליקע און ניט אַלעמאָל לעגאַלע זיצונגען פון דאָקטוירים, וואו ס׳האָבן זיך באַטייליקט הן מיטגלידער הן ניט־מיטגלידער פון דער „מעדיציינישער געזעלשאַפט“.

אין אַפּריל 1916 איז אינם פונסניי רעמאָנטירטן לאָקאַל פון דער געזעלשאַפט פאָרגעקומען אַ זיצונג פון 8 מאַן, אונטערן פאָרזיץ פון ד״ר קעווליטש, צו באַטראַכטן די ברענעדיקע שאלה וועגן דער צוואַנגס־אַרויסשיקונג פון דאָקטוירים אויף פּראָווינץ. ס׳איז איבערגעגעבן געוואָרן די דאָקטוירים באָגושעווסקי און כהן צונויפצושטעלן מכּוח דער דאָזיקער פראַגע אַ מעמאָראַנדום. אין יולי 1916 איז אינם לאָקאַל פון דער שטאָט־אופּראַווע פאָרגעקומען אַ קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונג פון העכער 20 דאָקטוירים מכּוח דער פראַגע וועגן די פּרובן פון דער דייטשער מאַכט צו צווינגען אַלע אָנגעשטעלטע אין געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, — אַלזאָ אויך די אָנגעשטעלטע דאָקטוירים, וואָס זייער צאָל איז דאַן געווען 30 מאַן, — אונטערצושרייבן אַ התחייבות פון אַ געטריי־אונטערטעניקן דינסט. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן פּה־אחד קאַטעגאָריש אָפּצוּוואַרפן אַזאַ פאָדערונג.

אין סעפּטעמבער 1916 איז אונטערן פאָרזיץ פון ד״ר ווענסלאַווסקי פאָרגעקומען אינם לאָקאַל פון דער ווילנער מעדיציינישער געזעלשאַפט אַ זיצונג, געווידמעט דער פראַגע וועגן דער באַציאונג פון די דאָקטוירים צו דער צוואַנגס־הלוואה, ד. ה. דער קאָנטריבוציע, וואָס ווערט געפאָדערט פון דער שטאָט אין אַ סכום פון 1 מיליאָן רובל. פון 38 דאָקטוירים האָבן זיך 24 אָפּגעהאַלטן פון אונטערשרייבן און די איבעריקע האָבן אונטערגעשריבן נישטיקע סכומען. אין דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע זיינען אויסגעקליבן געווען: די דאָקטוירים דעמבאָווסקי, זאַלקינד און בויאַלסקי.

אויף דער זיצונג פון דער געזעלשאַפט דעם 11־טן אָקטאָבער איז צווישן אַנדערן באַטראַכט געוואָרן די פראַגע וועגן אָבליגאַטאָרישן שטעלן פּאָקן, וואָס האָט באַאומרואיקט די גאַנצע ווילנער באַפעלקערונג. די זאַך איז באַשטאַנען אָט אין וואָס. מחמת אין שטאָט האָבן זיך באַוויזן איינצלנע פאַלן פון נאַטורעלע פּאָקן, האָט די דייטשע מאַכט פאַראָרדנט, אַז די גאַנצע באַפעלקערונג, אָן אונטערשייד פון געשלעכט, עלטער און שטאַנד, זאָל זיך שטעלן פּאָקן: די פּערזאָנען, וואָס וועלן ניט ווייזן קיין צייגניש וועגן געשטעלטע פּאָקן, זאָל מען ניט פאַרקויפן קיין קאַרטן־ברויט.

די אימפונג פלעגט אָבער געמאַכט ווערן בלויז אין איין פונקט פון שטאָט, אין לאָקאַל פון דער פעלדשער־שול, און אָבליגאַטאָריש אונטער דייטשער קאָנטראָלע. ס׳איז זיך לייכט פאָרצושטעלן די שווערע לאַגע פון דער 150־טויזנטיקער באַפעלקערונג.



אונטער דער ווירקונג פון השתדלותן און אונטערהאַנדלונגען מיט די מעדיציינישע שררות זיינען געמאַכט געוואָרן אַזעלכע הנחות:

די לימפע פלעגט אַרויסגעגעבן ווערן: 1) אַלע אַכט סאַניטאַרע דאָקטוירים אויף צו מאַכן אימפונגען אין זייערע ראַיאָנען;

2) די עלטערע דאָקטוירים פון די קראַנקנהייזער פאַר אימפונגען אין די קראַנקנהייזער און אַנדערע פּערזאָנען אויף זייער אַחריות; 3) אַלע איבעריקע דאָקטוירים, מיטגלידער פון דער מעדיציינישער געזעלשאַפט, האָבן אין לאָקאַל פון שטאָט־זאַל אָרגאַניזירט פון 8־טן נאָוועמבער אָן טעגלעכע דעזשורסטוועס פון 6 דאָקטוירים פאַר מאַסנדיקע אומגעצאָלטע אימפונגען פון 12 אַ זייגער ביז האַלב צוויי בייטאָג, אַחוץ מאָנטאָג.

אויף איטלעכער זיצונג פלעגט מען דאַרפן אַן ערלויבעניש, פאַר וועלכער די געזעלשאַפט פלעגט דאַרפן צאָלן צו דריי מאַרק. אין זיצונגס־זאַל איז אויף אַ קענטיקן אָרט געווען אַרויסגעהאַנגען די באַשטעטיקונג פון דער לעגאַליזאַציע פון דער מעדיציינישער געזעלשאַפט, וואָס איז געווען אַרויסגעגעבן אויפן נאָמען פונם סעקרעטאַר פון דער געזעלשאַפט. אויף דער זיצונג פלעגט קאָמאַנדירט ווערן אַ דייטשער באַאַמטער. אויף די זיצונגען פלעגן ביי־זיין דורכשניטלעך 15 מאַן.

אין נאָוועמבער 1916 האָט ד״ר באַנקאָווסקי געלייענט אויף פויליש אַ רעפעראַט: „די כאָלערע אין ווילנע אין יאָר 1915“. אין דעצעמבער 1916 האָט ד״ר שאַבאַד געלייענט אויף רוסיש אַ רעפעראַט: „די שטערבלעכקייט אין ווילנע פאַר די לעצטע 5 יאָר“.

מחמת דעם, וואָס דער לאָקאַל האָט זיך ניט באַהייצט און ניט באַלויכטן, האָבן די זיצונגען אויפגעהערט. אין סעפּטעמבער 1916 זיינען פונסניי צונויפגערופן געוואָרן די מיטגלידער פון דער מעדיציינישער געזעלשאַפט מיטן צוועק צו באַטראַכטן די מיטלען אויפצולעבן די טעטיקייט פון דער מעדיציינישער געזעלשאַפט, אָבער אָן שום רעזולטאַטן.

די צווייטע מעדיציינישע געזעלשאַפט — דער „ווילנער דאָקטוירים־קרייז“ — האָט ביז יוני 1918 ניט אַרויסגעוויזן קיין שום סימנים פון לעבן. האָבנדיק אין שלום־צייט העכער 60 מיטגלידער, האָט דער „ווילנער דאָקטוירים־קרייז“ אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע געהאַט סך־הכּל 13 מאַן, דהיינו: בלאָך, ווירשובסקי, וויגאָדסקי, גרשון, זאַק, זאַלקינד, יאָכעלסאָן, כהן, פּאָפּילסקי, פּאָטשטער, ג. ד. ראָט, שאַבאַד, יאשפאַן. איין חשובער מיטגליד פון דעם דאָזיקן ניט גרויסן קרייזל, ד״ר וויגאָדסקי, איז אין מערץ 1917 פאַר פּאָליטישער אַגיטאַציע קעגן די דייטשן אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד, וואו ער האָט פאַרבראַכט אין גלות מער ווי אַ יאָר. ביי אַזאַ קליינער צאָל מיטגלידער האָט גאָר קיין רייד ניט געקאָנט זיין וועגן רעגולערן פונקציאָנירן פונם קרייזל. בלויז איין מאָל האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אין דער וואוינונג פון איינעם פון די חברים צו באַטראַכטן אונזער פּאָזיציע צו די שטרענגע פאָדערונגען פון די דייטשן בנוגע דער רעגיסטראַציע פון די טיפוס־קראַנקע.

פון יוני 1918 איז די רעגולערע טעטיקייט פונם דאָזיקן דאָקטוירים־קרייז, לויט מיין איניציאַטיווע, באַנייט געוואָרן. אויף דער ערשטער זיצונג, וואָס איז פאָרגעקומען אינם בנין פון יידישן שפּיטאָל, איז באַטראַכט געוואָרן דער פאָרשלאָג פון ד״ר וויגאָדסקי וועגן אָננעמען מיטלען צו פאַרלייכטערן דעם צוריקקער קיין ווילנע פון די חברים־דאָקטוירים, וואָס זיינען אַרויסגעפאָרן פאַר דער אָקופּאַציע. פון דעמאָלט אָן האָבן די זיצונגען אָנגעהויבן פאָרקומען רעגולער אַלע חודש. אויף דער זיצונג אין דעצעמבער 1918 זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן די יסודות פונם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די דאָקטוירים פון ליטע.

---

# VII. אויס דעם לעבן פון די דאָקטוירים.

פריוואַטע פּראַקטיק.—דער ברייטער עולם איז געווען פולקום זיכער—בכל אופן אין אָנהייב אָקופּאַציע,—אַז די דאָקטוירים זיינען גליקלעכע מענטשן, אַז זיי וועלן נתעשר ווערן, אַדאַנק דעם, כלומרשט, וואָס דער גרעסטער טייל דאָקטוירים זיינען אַוועקגעפאָרן פון ווילנע, און ס׳איז בכן קלאָר, אַז ס׳וועט מוזן זיין אַ פאַרשטאַרקטער נאָכפרעג אויף דאָקטוירים. די ווירקלעכקייט האָט אָבער באַלד קלאָר געמאַכט דעם דאָזיקן טעות און האָט געוויזן,—און וואָס ווייטער אַלץ בולטער,—אַז דער אַלגעמיינער קריזיס האָט ניט אויסגעמיידט אויך אַלע דאָקטוירים אָן אַ יוצא=מן=הכלל. סיבות זיינען געווען אָט די: 1) פון די שטעט איז אַרויסגעפאָרן קיין רוסלאַנד מער ווי אַ העלפט באַפעלקערונג, דערצו גראָד די פאַרמעגלעכע קלאַסן, און נאָכדעם, פון יוני 1916, האָט זיך אָנגעהויבן אַ עמיגראַציע קיין אַמעריקע. 2) דער שטילשטאַנד אין די געשעפטן און דער יקרות אויף אַלע פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך האָבן געבראַכט צו דער פולשטענדיקער פאַראָרימונג פון דער באַפעלקערונג,—ווילנדיק=ניטווילנדיק האָט מען אָפּגעשפּאָרט פון מעדיצינישער הילף: מ׳האָט זיך באַנוגנט מיט אַ פעלדשער, זעלטענער האָט מען זיך געווענדט צו אַ דאָקטאָר, מ׳האָט פאַרקלענערט דעם דאָקטאָר=האָנאָראַר. 3) רפואות זיינען פילפאַך טייערער געוואָרן, וואָס האָט זיך אומדירעקט אויך אָפּגערופן אויפן ענין ווענדן זיך צו מעדיצינישער הילף. 4) די קאָנקורענץ פון די דייטשע דאָקטוירים, וואָס האָבן מיט חשק זיך באַשעפטיקט מיט פּראַקטיק הן אין שטאָט הן אין פּראָווינץ, האָט אומפאַרמיידלעך שטאַרק פאַרקלענערט די פאַרדינסטן פון די היגע דאָקטוירים. אַגב=אורחא איז דאָ דער אָרט צו פאַרצייכענען, אַז די ציווילע דאָקטוירים איז אויפן שטרענגסטן אופן פאַרווערט געווען צו קורירן דייטשן: תּחילת איז דער דאָזיקער פאַרבאָט חל געווען נאָר אויף די דייטשע סאָלדאַטן, קראַנקע אויף ווענערישע מחלות, און נאָכדעם איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ הויפּט=פאַראָרדענונג, אַז אַלע פערזאָנען פון מעדיצינישן פּערסאָנאַל (דאָקטוירים, פעלדשערס, דאַנטיסטן וכדומה), רוסישע אונטערטאַנען, איז לגמרי פאַרבאָטן געווען צו קורירן דייטשן (23 אָקטאָבער 1916). כ׳וועל אַגב באַמערקן, אַז צוויי דאָקטוירים, וואָס מ׳האָט זיי חושד געווען אין עובר זיין אויף דער דאָזיקער פאַראָרדענונג, זיינען שטרענג באַשטראָפט געוואָרן: איינער איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון ווילנע און דער צווייטער איז שטראַפירט געוואָרן מיט 600 מאַרק. ביז אָט דער פאַראָרדענונג האָבן געוויסע דאָקטוירים, באַזונדערס ווענעראָלאָגן, געהאַט אַ נישקשהדיקע פּראַקטיק ביי דייטשן. 5) די לעצטע און, לויט מיין מיינונג, די וויכטיקסטע סיבה, וואָס די פאַרדינסטן האָבן זיך פאַרקלענערט, איז געלעגן אין די מניעות פאַרן פרייען אַריינפאָר פון דער פּראָווינץ קיין ווילנע און פאַרן לענגערן פאַרברענגען פון די ניט=היגע אין שטאָט.

די מורא פאַר שפּיאָנאַזש, וואָס האָט ביי די דייטשן אָנגענומען אַ קרענקלעכע פאָרם, און די פאַרשטאַרקטע דאַגה וועגן שפּאָרן שפּייז=פּראָדוקטן האָבן באַוואויגן די אָקופּאַנטן אַרויסצוגעבן די שטרענגסטע פאַרבאָטן, וואָס האָבן ביז דער העכסטער מדרגה געשטערט דעם אַרויספאָר און דעם אַריינפאָר אין שטאָט. אויף אַריינצופאָרן אין שטאָט האָט מען איטלעכס מאָל געמוזט בעטן אַ ספּעציעלע ערלויבעניש, וואָס מ׳פלעגט אַרויסגעבן אָן חשק, אי דאָס נאָך לאַנגע מאַטערנישן. אַגב האָבן די דייטשע קרייז=דאָקטוירים, כדי ניט אָנצווווערן קיין פּאַציענטן, שטאַרק געשטערט זייערע חולאים צו באַקומען שיינען. היות אין דער נאָרמאַלער צייט האָבן די אָנגעפאָרענע פון דער פּראָווינץ געבילדעט אַ באַדייטנדיקן קאָנטינגענט פון אונזערע פּאַציענטן, וועט זיין פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס האָבן די אויבנדערמאָנטע מניעות אָפּגערופן זיך אויף דער פאַרקלענערונג פון דער פּראַקטיק. איך ווייס פון פאַלן, ווען געקומענע פּאַציענטן פון דער פּראָווינץ פלעגן שטראַפירט ווערן, אויב זיי פלעגן זיך פאַרהאַלטן אין שטאָט לענגער פונם ערלויבטן טערמין. די דאָזיקע אַלע רעפּרעסיעס האָבן זיך שטאַרק אָפּגערופן אויף די הכנסות פון די דאָקטוירים, בפרט וואָס גראָד די איינוואוינער פון דער פּראָווינץ זיינען אין יענער צייט געווען מאַטעריעל תּקיפער. דאָרטן איז געווען מער שפּייז=פּראָדוקטן, די פרייזן זיינען געווען אַ סך קלענער איידער אין שטאָט, און אַ סך פויערים און קליינע הענדלער פון דער פּראָווינץ האָבן דערגרייכט אַ הויכע מדרגה פון וואוילשטאַנד; אַגב האָבן אויך די דאָקטוירים באַקומען אַרויספאָר=שיינען צו חולאים אויף פּראָווינץ מיט גרויסע שוועריקייטן. אין אַ סך פאַלן פלעגט מען פשוט אָפּזאָגן אָדער אָפּציען די ערלויבעניש; אָפּט האָט מען דערביי געמוזט אָנקומען צו שתּדלנות פון „אייגענע" מענטשן און אפילו כיבוד.

אין רעזולטאַט פון אַלע אויבנאָנגעוויזענע פאַקטאָרן זיינען די פאַרדינסטן פון די פערזאָנען פון מעדיצינישן פּערסאָנאַל שטאַרק געפאַלן. די פּאָפּולערסטע פּראַקטיקאַנטן האָבן געפוינען אַ סך צייט אויף צו לייענען ביכלעך אָדער האָבן אָפּגעגעבן די מאַסע פרייע צייט פאַר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, אַזוי אַז מ׳האָט דאָ דעמאָלט געוויצלט זיך, אַז די מעדיצינישע פּראַקטיק איז ביי די דאָקטוירים געוואָרן אַ ביישאַך.

אַגב באַמערקט: אויף די פּראַקטיצירנדיקע דאָקטוירים האָט מען אַרויפגעלייגט אַ חוב צו פירן די ביכער אויף צו פאַרשרייבן די חולאים און דעם באַקימענעם האָנאָראַר, אָרימע צו קורירן אומזיסט אין דער היים, פאָדערנדיק בלויז פאַר דער דראָזשקע, אויב דער מהלך איז געווען מער ווי צוויי וויאָרסט. ווייטער זיינען אַלע פערזאָנען פון מעדיצינישן פּערסאָנאַל אַרויסגערופן געוואָרן צו ווייזן זייערע דאָקומענטן אויף צו באַקומען אַ שיין אויף רעכט צו פּראַקטיצירן (Zulassungsshein).

באַזונדערס איז ברייט געווען דער קרייז התחייבותן פון די סאַניטאַרע דאָקטוירים, וואָס מ׳האָט זיי אַ נאָמען געגעבן „באַצירק=דאָקטוירים" (Bezirkärzte). אויף זיי איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ חוב אַכטונג צו געבן אויף דער ריינקייט פון די גאַסן, מערק, הויפן און קלאָזעטן, ווי אויך אויף דער היגיענישקייט פון די ערטער, וואו מ׳פאַרקויפט שפּייז=פּראָדוקטן, רעווידירן די וואוינונגען, וואו ס׳זיינען פאַראַן חולאים, פאַרדעכטיקע אין קלעפּיקע קראַנקהייטן. ווייטער זיינען די באַצירק=דאָקטוירים מחויב געווען אָן געצאָלט צו באַזוכן אין דער היים אָרימע חולאים און אויפצונעמען קראַנקע לויט דער ריי אין די שטאָטישע אַמבולאַטאָריעס. צום סוף איז איינע פון זייערע התחייבותן געווען צו באַשטעטיקן די פאַלן פון טויט; דערביי ציטיר איך פון דער דאָזיקער פאַראָרדענונג, ווי אַ קוריאָז פון דייטשער פּינקטלעכקייט, אַן אָרט, וואָס זאָגט, אַז דער באַצירק=דאָקטאָר קען ניט פאָדערן, מ׳זאָל „צושטעלן דעם בר=מינן צו אים אין הויז צו באַשטעטיקן דעם טויט".

בראש פונם סאַניטאַרן ענין איז אין אָנהייב אָקופּאַציע געשטאַנען ד״ר באָגושעווסקי, וואָס איז געווען אַ מין קאָנסולטאַנט פונם מאַגיסטראַט אין אַלע פראַגן פון פאַרהיטן דאָס געזונט און האָט אַפילו פאַרנומען אַ בכבודיקן פּאָסטן פון אַ מיטגליד פון אופּראַווע. ביסלעכווייז האָט זיך פונדעסטוועגן דער קרייז פון זיינע פונקציעס פאַרשמעלערט און אין נאָוועמבער 1916 האָט ער אינגאַנצן פאַרלאָזן אונזער שטאָט.

די באַצירק=דאָקטוירים האָבן באַקומען שכירות 275 מאַרק אַ חודש. אַחוץ דעם האָבן זיי געהאַט רעכט אויפן חשבון פון מאַגיסטראַט אַלע טאָג צו באַנוצן זיך מיט פורמאַנעס אין משך פון דריי שעה.

כ׳וועל בקיצור דערמאָנען אויך וועגן די קריגס=געפאַנגענע דאָקטוירים, וואָס זיינען געווען אין ווילנע אין דער צאָל פון 5—

6 מאַן. זיי האָבן קורירט די קריגסגעפאַנגענע און האָבן געוואוינט אינם לאָקאַל, וואו ס׳האָבן זיך אויפגעהאַלטן די רוסישע פאַרוואונדעטע און קראַנקגעוואָרענע קריגסגעפאַנגענע. די דאָזיקע דאָקטוירים האָבן ניט גענאָסן קיין פרייהייט און פלעגן אָפגעלאָזט ווערן אין שטאָט נאָר אין דער באַגלייטונג פון אַ דייטשן סאָלדאַט.

בלויז אויף אַזאַ אופן פלעגט זיך זיי ווען עס איז איינגעבן צו זיין אין געסט ביי וועמען-ס׳איז פון אונזערע דאָקטוירים. בכלל איז זייער לעבן דורכגעגאַנגען איינאַרטיק און עלנט. אָבער פאָלגנדיקער צופאַל האָט באַוואויגן צו דערמאָנען זיך אָן זיי. די דייטשן האָבן אין האַרבסט 1916 אָנגעהויבן מיט געוואַלד און אין אַ ברייטער מאָס נעמען אויף אַרבעט די בירגערלעכע באַפעלקערונג פון אונזער קאַנט. די פאַלן פון קראַנק ווערן צווישן די אַרבעטער מחמת רחקות און אויסגעצערטקייט זיינען געווען עפידעמיש. אַ טייל פון די דאָזיקע אַרבעטער האָט מען געשיקט אויף קוראַציע צו די דערמאָנטע קריגסגעפאַנגענע דאָקטוירים. די לעצטע אָבער האָבן אויסגענוצט די דאָזיקע געלעגנהייט פאַר אַ פראָטעסט: „אויב די דאָזיקע פערזאָנען פאַרדינגען זיך פרייוויליק צו די דייטשן אויף אַרבעטן, וואָס זיינען פיינדלעך די סטראַטעגישע צוועקן פון רוסלאַנד, דאַן זיינען זיי בוגדים פון פאָטערלאַנד, און מיר ווילן זיי ניט קורירן; אויב אָבער די דאָזיקע אַרבעטן זיינען זיי אָנגעבונדן געוואָרן מיט געוואַלד, דאַן זאָלן די דייטשן אַליין זאָרגן וועגן די קראַנקגעוואָרענע און זאָלן זיי ניט פאַרגוואַלטיקן צו דעם צוועק די רוסישע מיל׳טערישע דאָקטוירים". די דייטשן האָבן דעם דאָזיקן אינצידענט ניט צוגעגעבן קיין באַדייטונג, האָבן פאַרשטיקט דעם פראָטעסט, אָבער אייניקע פון די דאָקטוירים האָבן זיי אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער שטאָט.

**די אַרויסשיקונג פון דאָקטוירים אויף פראָווינץ.**—אין מערץ 1916 איז אין דער פאַמיליע דאָקטוירים אומגעריכט געשען אַן אומגעהערטער אומגליק: ניט פרעגנדיק וועגן הסכם און ניט אַריינגייענדיק אַפילו אין אונטערהאַנדלונגען בנוגע די באַדינגונגען, האָבן די דייטשן פאַראָרדנט פאַרשיידענע פערזאָנען פון אַלע מעדיצינישע פראָפעסיעס אַרויסצופאָרן אין משך פון דריי טעג אין דעם אָדער יענעם ראַיאָן פון ליטע צו וואוינען דאָרטן אויף שטענדיק—דאָ אַלס פרייפראַקטיצירנדיקער דאָקטאָר, דאָ צו פאַרנעמען אַ מעדיצינישע שטעלע.

פאַר קרבנות פון אַזאַ הפקרות זיינען אויסגעקליבן געוואָרן דער-עיקר פערזאָנען יינגערע און ניט פאַרבונדענע מיט אַ שטעלע אין דער שטאָט ווילנע. פונדעסטוועגן האָט קיינער ניט געקענט זיין גאַראַנטירט, אַז ער וועט אויסמיידן דעם שווערן גורל פון פאַרשיקונג. אַ זיפץ און אַ ציינקריצעריי האָבן געהערשט אין דער מעדיצינישער פאַמיליע. מ׳האָט געאָכצט, געקרעכצט, מ׳האָט זיך משתדל געווען, געבעטן שאַנעווען, מ׳האָט געזוכט מליצי-יושר, אָבער מ׳האָט כמעט קיין זאַך ניט געקאָנט דערשלאָגן זיך, בכדי אָפצוווענדן דעם בייזן קלאַפ.

די וואָס האָבן באַקומען די פאַטאַלע באַשטימונג האָבן זיך געקענט „טרייסטן" זינגענדיק די טראַגישע אַריע: „היינט איך און מאָרגן דו", וואָרים אין משך פון גאַנצן יאָר 1916 איז איבער יעדערן פון אונז געהאַנגען דער חלף, אַז מ׳קען אונז אַרויסשיקן אויף דער פראָווינץ. אַחוץ אַ צענדליק פערזאָנען פונם מיטל-מעדיצינישן פערסאָנאַל, זיינען אין די פראָסקריפציאָנס-רשימות אַריינגעפאַלן קרוב אַ דריטל פון דער פאַקטישער צאָל דאָקטוירים. צום סוף י. 1916 איז די סיסטעם פון אַרויסשיקן אָפגעשטעלט געוואָרן, אָבער די אַרויסגעשיקטע זיינען אין ס׳רוב פאַלן פונדעסטוועגן ניט אומגעקערט געוואָרן צוריק.

די דאָזיקע רעפרעסיע בנוגע די פערזאָנען פון מעדיצינישן פערסאָנאַל האָבן די דייטשן פאַרענטפערט מיט זייער רעכט צו נעמען איטלעכן איינוואוינער פון די אָקופירטע קאַנטן אויף צוואַנגס-





אַרבעט: דאָס אַרויסשיקן דאָקטוירים אין פראָווינץ צוליב די אינטערעסן פון פאָלקסגעזונט האָבן זיי באַטראַכט ווי אַ קוואַליפיצירטע צוואַנגס-אַרבעט.

אין האַרבסט 1916 זיינען, מחמת מאַנגל אין דאָקטוירים פאַר דער פראָווינץ, אַראָפגעבראַכט געוואָרן פון דייטשלאַנד אין ווילנער ראַיאָן העכער 20 סטודענטן-מעדיקער, רוסישע אונטערטאַנען. די רוסן, וואָס זיינען פאַרבליבן אין בערלין, האָבן וועגן דער דאָזיקער צוואַנגס-אַרויסשיקונג געגעבן צו וויסן אין דער שפאַנישער באַטשאַפט, אונטער וועמענס שוץ ס׳האָבן זיך געפונען די רוסישע אונטערטאַנען, און דער פועל-יוצא איז געווען, אַז די דאָזיקע סטודענטן-מעדיקער איז ערלויבט געוואָרן אומצוקערן זיך קיין בערלין. אָבער אין יוני 1917 זיינען זיי ווידער מיט געוואַלד אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין ווילנע און צעטיילט געוואָרן איבער די אויעזדן. אַגב האָבן אייניקע פון זיי זעלבשטענדיק געעפנט אין שטאָט ווילנע מעדיצינישע קאַבינעטן.

צוזאַמען דערמיט איז ווערט אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף אָט דעם אומשטאַנד. ניט געקוקט דערויף, וואָס די פראָווינץ האָט זיך געניטיקט אין מעדיצינישער הילף, האָט מען פערזאָנען פון מעדיצינישן פערסאָנאַל בשום-אופן ניט ערלויבט פרייוויליק אַרויסצופאָרן אין פראָווינץ צו באַשעפטיקן זיך מיט מעדיצינישער פראַקטיק. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די אָקופאַנטן האָבן ניט געוואָלט שאַפן אַ קאָנקורענץ פאַר די דייטשע דאָקטוירים. און ווי שמערצלעך ס׳איז געווען צו זעען, אַז אַ רוסישער דאָקטאָר האָט זיך געדאַרפט משתדל זיין ביים פרעמדן, דעם דייטשן קרייז-אַרצט וועגן אַן ערלויבעניש ביי זיך אין געבורט-שטאָט צו באַשעפטיקן זיך מיט פראַקטיק, און אין אַ סך פאַלן זיינען אַזוינע השתדלותן פון פערזאָנען פון מעדיצינישן פערסאָנאַל נאָך לאַנגע וואָכן קאַנצעלאַרישער פאַרשלעפעניש אומגעקערט געוואָרן צוריק מיט אַן אָפזאָג. און אַפילו זומער 1918, ווען אין אונזער קאַנט האָט אַ שטראָם געטאָן אַ כוואַליע פון רעעמיגראַציע, האָט מען די אָרטיקע דאָקטוירים ווי איבער געוואַלד געגעבן „צולאַסונגסשיינען", און די מעדיצינישע מאַכט האָט אָנגעוואונקען וועגן דער מעגלעכקייט פון באַגרעניצונגען אין דער ריכטונג.

צו די רעפרעסיעס געהערט אויך דאָס אָפזאָגן דאָקטוירים פון זייערע שטעלעס אָן שום צערעמאָניעס. אַזוי איז אָפגעזאָגט געוואָרן פון דער שטעלע דער עלטערער דאָקטאָר פון שפיטאָל „סאַוויטש" ד״ר אָרלאָוו. גורם געווען דערצו האָט דער פאַרלאַנג אַוועקצוזעצן אויף דעם אָרט אַ דאָקטאָר פון דייטשער אָריענטאַציע, הגם אַ רוסישן אונטערטאַן. דאָס זעלביקע וואָלט געשען אויך מיטן עלטערן אַרצט ד״ר טור, אָבער ס׳האָט זיך ניט געפונען קיין כירורג, וואָס זאָל אים פאַרבייטן. ווייטער איז אָפגעזאָגט געוואָרן דער עלטערער דאָקטאָר פון אינפעקציאָנעלן קראַנקנהויז ד״ר גורניצקי; דערביי האָט מען אים אויך אָפגעזאָגט זיין השתדלות אַרויסצופאָרן פון ווילנע אין אַן אַנדער שטאָט אויף פריוואַטער פראַקטיק. מיט אַ לייכטן האַרצן איז אויך אַנטזאַגט געוואָרן דער אָרדינאַטאָר פון שפיטאָל „סאַוויטש" ד״ר בלאָך, אייניקע אָרדינאַטאָרן פון די קראַנקנהייזער פאַר פראָסטיטוטקעס, סאַניטאַרע דאָקטוירים און אַזוי ווייטער. צווישן אַנדערע איז דעם ד״ר מאַיעווסקי, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון רוסלאַנד, ניט ערלויבט געוואָרן צו אַרבעטן אין שפיטאָל „סאַוויטש", וואו ער איז ביז דער עוואַקואַציע געווען שטאַטן-אָרדינאַטאָר.

באַזונדערס טרויעריק איז געווען דער גורל פון דער פרוי-דאָקטאָר זאַליעסקאַיאַ, וואָס איז אַנטזאַגט געוואָרן פון דער שטעלע אינם אינפעקציאָנעלן באַראַק אָן שום מאָטיוון. די דאָזיקע זאַליעסקאַיאַ האָט געהאַט נאָך אַ גרויסע אומאָנגענעמלעכקייט, וואָס אילוסטרירט די טרויעריקע לאַגע פון די דאָקטוירים אין דער פינסטע-

יער תקופה פון דער אָקופּאַציע. אין זומער 1916 האָט זי, צוזאַמען מיט אַנדערע דאָקטוירים, זיך משתדל געווען וועגן אַן ערלויבעניש אויף דעם רעכט פון מעדיצינישער פּראַקטיק. אַרויסצוגעבן די דאָזיקע באַשטעטיקונגען איז געווען אין רשות פון אַ קליינעם באַאַמטן, אַ גאָוודיקן און גראָבן אין פּאַרקער מיט אונז. זאַליעסקאַיאַ איז אויפגעבראַכט געוואָרן פון זיין האַלטונג און האָט אים געמאַכט אַ באַמערקונג; דערפאַר איז זי איבערגעגעבן געוואָרן צום קריגס-געריכט און פאַר איר איז געשטאַנען אַ סכנה פון גאָר אַן ערנסטער שטראָף, נאָר אַדאַנק אַ צופעליקער פּראָטעקציע פון איינעם פון די העכערע מיליטערישע באַאַמטע, איז זי גליקלעך אָפּגעקומען מיט אַ געלט-שטראָף.

די אומכּבֿודיקע באַציאונג צו די דאָקטורים האָט זיך אגב אַרויסגעוויזן אויך דערין, וואָס איבער יעדער נאַרישקייט האָט די מאַכט אָן צערעמאָניעס באַאומרואיקט די דאָקטוירים, אָפּרייסנדיק זיי פון די באַשעפטיקונגען און צווינגענדיק זיי לאַנג צו וואַרטן ביז ס׳וועט זיי וואוילגעפעלן ווערן אויפצונעמען. אַזוי האָט דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות איינמאָל באַקומען אַ באַפעל צו קומען אין דער אָנגעוויזענער שעה אין דער אַרצטלעכער קאַנצעלאַריע. ניט קענענדיק פאַרשטיין, אין וואָס איך האָב זיך געקענט פאַרשולדיקן, בין איך מיט אַ שטאַרק קלאַפּנדיקן האַרצן געקומען אין דער אָנגעוויזענער צייט לויט דעם באַפעל. אָפּגעוואַרט קרוב אַ שעה, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מיינע אַ פּאַציענטין, וואָס האָט זיך משתדל געווען וועגן פאַרלענגערן איר דעם טערמין פון פאַרברענגען אין שטאָט, האָט מען אָפּגעזאָגט איר בקשה און אַז מיר ווערט עס איבערגעגעבן די שליחות איר עס צו מעלדן.

כ׳וועל ברענגען נאָך אַ ביישפּיל פון גאַוודיקער באַהאַנדלונג. עפּעס אַ יונגער דאָקטאָר, וואָס האָט פאַרנומען ניט קיין הויכן פּאָסטן, האָט עקסטראַ אַרויסגערופן צו זיך דעם עלטערן דאָקטאָר פון אַן אָרטיקן קראַנקנהויז. דער עלטערער דאָקטאָר איז תּיכּף געקומען, ערוואַרטנדיק וויכטיקע פאַראָרדענונגען אין דינסט. ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער דאָזיקער יונגער פריץ האָט אַרויסגעפאָדערט דעם עלטערן דאָקטאָר פון שפּיטאָל, כּדי יענער זאָל אים צושטעלן חולאים פון אַ באַשטימטער קאַטעגאָריע, וואָס זיינען אים נייטיק פאַר פּערזענלעכע עקספּערימענטן.

דאָס איז דער קורצגעפאַסטער מאַרטיראָלאָג פון די רוסישע אונטערטאַנען פונם דאָקטוירים-שטאַנד.

מ׳דאַרף אַגב פון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע אויסטיילן ניט קיין גרויסע גרופּע דאָקטוירים און סטודענטן-מעדיקער פון דייטשער אָריענטאַציע, וואָס האָבן-זיך צוגערעכנט צו דער מחנה זיגער און האָבן געהאַט בדעה ביי דער געשאַפענער קאָניונקטור צו מאַכן אַ חשובע קאַריערע. מיר, אָרטיקע דאָקטוירים, האָבן זיך באַצויגן צו די דאָזיקע פון דער פרעמד געקומענע מיט אומצוטרוי און האָבן אויסגעמיידט צו זיין מיט זיי אָפּנהערציק.

## VIII. דייטשע דאָקטוירים.

מיר, געוועזענע רוסישע דאָקטוירים, וואָס זיינען דערצויגן געוואָרן אויף די אידעען פון דער שול פונם גרויסן דאָקטאָר-הומאַניסט פּ י ר אָ ג אָ ו ו, האָבן געהאַט אַ פולן גרונד צו באַציען זיך ניט פריינדלעך צו די מיליטערישע דייטשע דאָקטוירים, אין וועלכע מיר האָבן קודם-כּל געזען פאָרשטייער פון אַ מיליטערישער קאַסטע און ווייניקער פון אַלץ פאָרשטייער פון דער הומאַנער דאָקטוירים-פּראָפעסיע.

אַזוי, למשל, ווען דער דאָקטאָר ד. איז אין האַרבסט 1918 געקומען צו פאָרן ספּעציעל פון מאָסקווע אויסצוזוכן זיינע אינסטרומענטן און האָט מיט גרויס מי זיי געפונען אין דער וואוינונג פון אַ דייטשן דאָקטאָר, האָט דער דאָזיקער דייטשער דאָקטאָר פון אויבן-אַראָפּ אַדורכגענומען מיט זיין בליק זיין רוסישן קאָלעגע און מיט גאווה באַמערקט: „פאַרגעסט ניט, אַז מיר זיינען דאָ די בעלי-בתּים אין קאַנט״, — און ער האָט די אינסטרומענטן ניט אָפּגעגעבן. אַלס אַ אילוסטראַציע וועל איך ברענגען די כאַראַקטעריסטיק פון איינצלנע פּערזאָנען. קודם-כּל דאַרף מען דערמאָנען צום בייזן דעם כירורג פּראָפ. ב אָ ק ע נ ה י י מ ע ר. פירער פון די אַנטיסעמיטן ביי זיך אין פאָטערלאַנד, האָט ער דאָ אין ווילנע זייער געפריינדלט זיך מיט יידן, כּדי זיך איינצושאַפן פּראַקטיק. די נייטיקייט פון אַן אָפּעראַציע האָט ער פאַרבונדן מיט דער גרויס פון האָנאָראַר. מיר זיינען באַקאַנט פאַלן, ווען אַנדערע כירורגן, אָרטיקע און דייטשע האָבן אָנערקענט, אַז מ׳טאָר ניט מאַכן קיין אָפּעראַציע אָדער אַז זי איז אומנוצלעך, און באָקענהיימער, פאַרפירט פונם האָנאָראַר, האָט די אָפּעראַציע געמאַכט און, פאַרשטייט זיך, אָן אַ פּעולה פאַרן פּאַציענט. כ׳דערמאָן זיך אַגב-אורחה אַזאַ קוריאָז: ביי איינעם אַ פּאַציענט — אַ קרעמער האָט ער אויסגעבעטן אַ אומגעהייער גרויסע סומע און יענער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו לאָזן זיך אָפּעריר״ן. אויף מאָרגן איז דער פּראָפעסאָר געקומען אין קרעמל, כּלומרשט ווי אַ קונה און האָט אַזוי ווי בדרך-אַגב געמאָלדן, אַז ער איז גרייט אַראָפּצולאָזן 300 מאַרק פאַר דער אָפּעראַציע, אָבער דער פּאַציענט האָט געזאָגט, אַז ער האָט צו אים קיין צוטרוי ניט און וויל זיך ביי אים ניט קורירן. צווישן אַנדערן האָט באָקענהיימער געפירט אונטערהאַנדלונגען וועגן אָפּקויפן אַ פּריוואַטע הייל-אַנשטאַלט אין ווילנע, אָבער צום סוף האָט ער געמאָלדן, אַז ער האָט באַשלאָסן נאָכן ענדיקן די מלחמה צו באַזעצן זיך אין וואַרשע, ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז זי וועט זיכער געהערן צו דייטשלאַנד. אַוועקפאָרנדיק קיין בערלין, האָט ער ניט פאַרזאַמט צוצושיקן פון דאָרטן אַ מעלדונג וועגן די שעהן פון זיין אויפנעם. זיין פּראַקטיק אין ווילנע איז געווען זייער אַ ברייטע און ער האָט זיך ניט געמיאוסט מיט קיין שום ספּעציאַליטעט. שאַנטאַזשירנדיק מיט זיין באַרוף פון אַ פּראָפעסאָר, האָט ער זיך רעקלאַמירט ווי אַ קאָנסולטאַנט אין כּל-המינים קראַנקהייטן, אַדאַנק דעם, וואָס ס׳האָט זיך געפונען אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט אויסגענוצט זיין קענען דייטש און האָט אויסגעפירט לאָקייאישע פליכטן ביי באָקענהיימערן אויף אַזעלכע מיני אימפּראָוויזירטע קאָנסיליומס.

מ׳דאַרף בכלל באַמערקן, אַז די דייטשע דאָקטוירים זיינען אין די אויגן פון דער באַפעלקערונג אַרומגערינגלט געווען מיט אומפאַרדינטן אָרעאָל. צו דער פאַמיליע פון יעדערן פון זיי האָט מען אומפאַרמיידלעך צוגעגעבן דעם עפּיטעט „פּראָפעסאָר״. מ׳דאַרף אָפּנהערציק זאָגן, אַז מיטן אויסנאַם פון 3—4 סאָלידע דאָקטוירים זיינען די איבעריקע, וואָס האָבן פּראַקטיצירט אין שטאָט און באַזונדערס אין פּראָווינץ, געווען ווייניק צוגעגרייט צו פּראַקטישער אַרבעט אין פאַרגלייך מיט אונזערע רוסישע דאָקטוירים. וועגן דער גאווה פון אייניקע פון זיי קען מען משפּטן לויט דער אויפפירונג פונם יונגן דאָקטאָר ל י נ ק ע, דעם אַסיסטענט פון איינעם פון די אָרטיקע לאַזאַרעטן, וואָס האָט אין אַ געשפּרעך מיט מיינער אַ באַקאַנטער פרוי פּ. אויסגעדריקט זיך, אַז ער וועט פאַרבלייבן אין ווילנע, וואו ער האָפט אויף אַ זייער גרויסער פּראַקטיק, ווייל אַלע ווילנער דאָקטוירים זייזען אומגעלערנטע. די געשעעגישן האָבן אָבער געוויזן דעם דאָזיקן יונגן שנעק, אַז עס לאַכט גוט דער, ווער עס לאַכט דער לעצטער.

צווישן אַנדערן האָט דעם עולם אין אַ סך פאַלן באַוואויגן צו ווענדן זיך צו דייטשע דאָקטוירים דער פאַרלאַנג צו באַקומען די אָדער יענע באַשטעטיקונג, ווייל די צייגניש פון די אָרטיקע דאָקטוירים האָט פאַר דער מאַכט געהאַט אַ קליינעם ווערט.

פון די דייטשע דאָקטוירים, וואָס האָבן געהאַט אַ שם מיט זייער קאָלאָסאַלער פּראַקטיק, פאַרדינט נאָך „פאַרצייכנט״ צו ווערן

דער האַלז=און אויערן=דאָקטאָר בּ ר אַ נ ק. ער האָט זיך אויך ניט געמיאוסט מיט קיין שום ספּעציאַליטעט און האָט אפילו געמאַכט ערנסטע אָפּעראַציעס, וואָס האָבּן ניט קיין דירעקטע שייכות צו דער ספּעציאַליטעט פון אַ האַלז=דאָקטאָר, למשל, אַן אָפּעראַציע פון אויסשיילן דעם קראָפּ. ווי אַ טרויעריקן טראָפּיי פון זיין פאַרשיידנזייטיקער פּראַקטיק וועל איך דערמאָנען אַ פאַל פון טיק ביי מיינער אַ געוועזענער פּאַציענטין. פאַרפירט פון בּראַנקס שם, האָט זי זיך געווענדט צו אים נאָך אַן עצה. בּראַנק איז ניט געקומען אין פאַרלעגנהייט דערפון, וואָס טיק גייט ניט אַריין אין פּראָגראַם פון אַ ספּעציאַליסט אין אויערן=און האַלז=קראַנקהייטן, און אים איז איינגעפאַלן אינם מעטאָד פון קוראַציע צו גלייכן זיך צו אַלכסנדר מוקדון: לויטן גאַנג פונם געזיכטנערוו האָט ער אַריינגעשפּריצט עטלעכע שפּריצן אַלקאָהאָל, און מאָמענטאַל זיינען פּאַראַליזירט געוואָרן אַלע צווייגן פון דעם דאָזיקן נערוו. דער אימפּראָוויזירטער אָפּעראַטאָר האָט זיך געוועזט געהאַט פאַרלאָרן, די פּאַציענטין איז פאַרצווייפלט געוואָרן, אָבּער אַ „זיגער״ משפּט מען דאָך ניט.

יעדער פּאַציענט זיינער אָן אויסנאַם האָט בּאַקומען אַן עצה צו לאָזן מאַכן זיך אַ וואָסער=ס׳איז אָפּעראַציע אין נאָז, פאַר וואָס ער האָט גענומען מינימום 75 מאַרק. פאַר די צוויי יאָר צייט, וואָס ער האָט דאָ פאַרבראַכט, האָט ער פאַרדינט אַן אומגעהייערע סומע געלט, אָבּער געענדיקט האָט ער טרויעריק. דער בּעל=הבּית פון הויז, וואו ער האָט געוואוינט, האָט אים אָנגעקלאָגט און געריכט פאַר צואייגענען זיך אַ וואוינונג, וואָס האָט צו אים ניט געהערט. בּראַנק האָט געוואָלט מיט אַ געלטבּאַלוינונג פאַרגיטיקן דעם הויזאייגנטימער, אָבּער די מאַכט, וועלכע האָט שוין לאַנג געקוקט קרום אויף זיין מעדיצינישער פּראַקטיק, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ צאָרן, האָט פאַראָרדנט אַרויסצושיקן אים פון ווילנע.

צו דער כאַראַקטעריסטיק פונם מאָראַלישן פּרצוף=פּנים פון די דייטשע דאָקטוירים וועל איך בּרענגען נאָך אַ פּאָר עפּיזאָדן. בּיים אָרטיקן סוחר ז. האָט אַ דייטשער דאָקטאָר פאַרנומען אַ צימער. פאַרשטייט זיך, אַז פאַרן צימער האָט ער ניט געצאָלט: דער צימער איז רעקווירירט געוואָרן. נאָך מער, דער בּעל=הבּית פון דער וואוינונג האָט מחמת אויפמערקזאַמקייט צום בּאַרוף פונם קוואַרטיראַנט אים פריינדלעך געגעבּן צו בּאַנוצן זיך מיט זיין בּעטגעוואַנט. ווי גרויס איז אָבּער געווען די אַנטטוישונג פונם סוחר ז., ווען דער קוואַרטיראַנט האָט בּיים אָפּפאָרן זיך צוגענומען דאָס דאָזיקע בּעטגעוואַנט, אַרויסווייזנדיק אַזאַ שוואַרצע אומדאַנקבּאַרקייט פאַר דער אויפמערקזאַמקייט און גאַסטפריינדלעכקייט.

אַ צווייטער עפּיזאָד איז געשען מיטן סוחר ש. אין יענעם פּעריאָד פון דער אָקופּאַציע, ווען מ׳האָט געגעבּן ערלויבּענישן צו עמיגרירן קיין אַמעריקע. די עמיגראַנטן האָבּן געדאַרפט אַ פריער רעווידירט ווערן בּיי אַ רעגירונגס=דאָקטאָר פאַר אַ בּאַשטימט געצאָלט. בּעת דער רעווידירונג האָט זיך דער סוחר ש. ערלויבּט פאָרצולייגן דעם דאָקטאָר אַ פּראַגע, ווי געפינט יענער דעם צושטאַנד פון זיין האַרצן. דער דאָקטאָר האָט אַ בּורטשע געטאָן: נאָרמאַל, און פאַר דער דאָזיקער איבּעריקער מי האָט ער געפאָדערט דערצאָלן אים נאָך 10 מאַרק.

---

## IX. דער מעדיצינישער אמט.

רעגיסטרירנדיק רואיק די פאַקטן, וועל איך פאַרענדיקן דעם ספר=הזכרונות פון די חטאים און פינסטערע מעשים פון די דייטשע דאָקטוירים מיט דער כאַראַקטעריסטיק פון אונזער מעדיצינישן אַמט.

בּראש פון אַלע בּירגערלעכע מעדיצינישע אָרגאַניזאַציעס איז געשטאַנען אַ שטאָטקרייזאַרצט, ענלעך אויף דעם מעדיצינישן





אינספּעקטאָריאַט פון צאַרישן רעזשים. זיין מאַכט איבּער די דאָקטוירים, איבּערן מיטל=מעדיצינישן פּערסאָנאַל און איבּער די אַפּטייקן איז געווען אַן אומבּאַגרעניצטע. די דאָזיקע התחייבותן כאַר דער צייט פון דער אָקופּאַציע האָט אויסגעפירט אַפריער ד״ר פ פ יי פ ע ר און נאָכדעם ד״ר ט י ד ע מ אַ ן.

אין די סאַמע בּייזע צייטן פון דער רוסישער זעלבּסטהערשאַפט האָבּן די דאָקטוירים וואַרשיינלעך ניט געוואוסט אַזוינע דעספּאָטן צווישן זייערע שררות, וועלכע מיר ווילנער דאָקטוירים האָבּן געהאַט אין דער פּערזאָן פון די אויבּנאָנגערופענע דייטשע עסקולאַפּן. דער ערשטער — פפייפער — איז געווען גראָבּ, שאַרף און האַרט אין זיין בּאַגיין זיך מיט די דאָקטוירים. דאָס האָט ער עס מיט אַן אומאָפּגעשוואַכטער ענערגיע דורכגעפירט אין לעבּן די אויבּנבּאַשריבּענע שטרענגע סיסטעם פון אַרויסשיקן דאָקטוירים אויף פּראָווינץ. בּשעת איינער פון די חברים, וואָס איז אָנגעצייכנט געוואָרן אויף אַרויסצושיקן, האָט בּיי אים געבּעטן שאַנעווען אים, מחמת בּיי אים זיינען שוין צוויי מאָל געווען פאַלן פון שפּייען מיט בּלוט פון די לונגען, האָט ד״ר פפייפער, אַ פאָרשטייער פון דער הומאַנער פּראָפעסיע, האַרט בּאַמערקט: „נו, איז וואָס, — וועט זיין אַ בּלוטשטורץ צום דריטן, און אויבּ איר וועט ניט פאָרן פריוויליק, וועל איך בּאַפעלן מיט געוואַלד אייך אָפּצושיקן אויפן וואָקזאַל״.

אַ צווייטער חבר, אַ מענטש מיט אַ פאַמיליע, האָט זיך משתדל געווען וועגן אַ הוספה אויף די שכירות, מחמת זיין געדריקטער מאַטעריעלער לאַגע, — האָט דער דאָזיקער בּעסטיאַלישער בּאַאַמטער אים בּייז בּאַמערקט: „איר קענט מיט אייער פאַמיליע גיין אין קאַזאַרמע נאָך אַ פּאָרציע״. אַ בּאַאָרנטער דאָקטאָר, וואָס האָט זיך משתדל געווען וועגן איבּערלאָזן אין שטאָט זיין פעלדשער און איז געקומען צו פפייפערן מיט אַ ראַפּאָרט, — האָט פפייפער אים די האַנט ניט געגעבּן, ניט געבּעטן זיצן, אַליין בּרייט אויסשפּרייטנדיק זיך אויף דער סאָפע, אויסגעהערט מיט אומכּבוד דעם בּעטער און אָפּגעזאָגט זיין בּקשה.

ד״ר טידעמאַן, וואָס האָט נאָך אים פאַרנומען זיין פּאָסטן, איז פון דרויסן געווען קאָרעקטער פון אים, האָט בּעת אַ געשפּרעך אַפילו כּסדר געשמייכלט, האָט אָבּער מיט אַ קענטיקער הנאה אַלעמאָל אָפּגעזאָגט אַלע השתדלותן.

פאַר אַ בּיישפּיל וועל איך בּרענגען אַ פאַל מיטן דאָקטאָר ב., וואָס האָט זיך בּיי אים משתדל געווען וועגן אורלויבּ קיין בּערלין, כּדי צו לאָזן זיך מאַכן דאָרטן אַן אָפּעראַציע. די השתדלות האָט אָן הצלחה געדויערט 6 וואָכן. איינמאָל האָט טידעמאַן בּאַשטימט דעם דאָזיקן דאָקטאָר ב. צו קומען אין אַ בּאַשטימטער שעה אין שפּיטאָל, וואו ער וועט אים אַליין אונטערזוכן. אָבּער טידעמאַן איז ניט געקומען, און ד״ר ב. איז נאָך אָפּוואַרטן גאַנצע צוויי שעה מיט אַ צעבּראָכענעם האַרצן אַוועק אַהיים. צום גליק האָט טידעמאַן אַליין געדאַרפט אַוועקפאָרן אויף אורלויבּ, און דאַן האָט זיין צייטווייליקער שטעלפאַרטרעטער אַרויסגעגעבּן דעם דאָקטאָר ב. דעם געפאָדערטן אורלויבּ אָן שום פאָרמאַליטעטן.

דעם דאָקטאָר מ., וואָס איז געווען אַרויסגעשיקט פון ווילנע אין אַ העק פון סובאַלקער גובּערניע, האָט ער אָפּגעזאָגט אין זיין טעלעגראַפישער בּקשה צו ערלויבּן אַ ווילנער דאָקטאָר פאָרן אַהין אים צו קורירן, — און אַזוי איז דער דאָקטאָר מ. געשטאָרבּן אין דער פּרעמד פון דיזענטעריע.

וועגן טידעמאַנס גדלות זאָגט עדות אַזאַ עפּיזאָד. דער ד״ר מ. האָט זיך געוואָלט אַרויסדרייען פונם פאָרשלאָג, וואָס ס׳איז אים געמאַכט געוואָרן, צו אַרבּעטן אין שפּיטאָל „סאַוויטש״, — האָט אים טידעמאַן בּאַפעלעריש געזאָגט: „אָבּער איך וויל דאָס״. דערבּיי זיינען די דאָזיקע ווערטער אַרויסגערעדט געוואָרן מיט אַן עקס=

פּרעסיע, וואָס האָט דערמאָנט אַ רעסקריפּט פון קייזער ווילהעלם: „Sic volo, sic jubeo“ (אַזוי וויל איך, אַזוי הייס איך).

ווענן זיין פאָדערן פון זיינע סובאָרדינירטע סאָלדאַטישע דיסציפּלין קען מען משפּטן לויט אַזאַ פאַקט. טידעמאַן האָט אַמאָל באַמערקט, אַז דער פעלדשער ל. איז אַריין צו אים דורכן פּאַראַד-אַריינגאַנג,—האָט ער געמאַכט דעם דאָזיקן פעלדשער דעם שטרענגסטן אויסרייד פאַר „העזה“ און האָט אים שטראָפירט אויף 10 מאַרק.

ניט ווייניקער שטרענג איז ער געווען צו די פאַרמאַצעווטן. צווישן אַנדערן האָט ער ניט אַלע אָנגעשטעלטע אין די אַפּטייקן באַפרייט פון צוואַנגס-אַרבעט, וואָס האָט שווער געדריקט די גאַנצע מאַנסבילישע באַפעלקערונג פונם אָקופּירטן קאַנט.

דעם ענין אָפּזאָגן פון שטעלע האָט טידעמאַן איינגעפירט אין אַ סיסטעם. ער איז עס געווען דער מחבר פונם צירקולאַר צו די דאָקטוירים, אין וועלכן ער האָט געגעבן אָנווייזונגען, ווי אַזוי אויסצושפּירן געהיימע פּראָסטיטוציע. צווישן אַנדערן האָט ער ברייט איינגעפלאַנצט די סיסטעם פון שפּיאָנאַזש, נאָכשפּירנדיק נאָך די דאָקטוירים דורך אָנגעטרויטע פּערזאָנען; דערצו האָט ער אויסגענוצט די אינפאָרמאַציעס פון די מעדיקער, וואָס זיינען אָנגעקומען פון דייטשלאַנד און וואָס ער האָט זיי ניט אָן אַ גרונד געהאַלטן פאַר אייגענע מענטשן.

מ'האָט דערציילט, אַז טידעמאַן איז אַמאָל אַראָפּגעפאַלן פון אַ פערד און האָט באַקומען אַ קלאַפּ אין קאָפּ און אַז דער דאָזיקער אומשטאַנד איז כלומרשט געווען די סיבה פון זיין ניט געשטעלטן כאַראַקטער.

פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון זיין אַכזריות וועל איך ברענגען דעם דאָזיקן פולקום באַגלויבטן פאַקט.

קומענדיק אַמאָל אין שפּיטאָל „סאַוויטש“, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז די באַדינער זיינען קאָמאַנדירט געוואָרן אויפן בית-הקברות צו גראָבן קברים פאַר די מאַסע בר-מינַנס. דערביי האָט טידעמאַן מיט אַ געפיל פון ניט באַהאַלטענער פרייד אויף פרעמדנס אומגליק געזאָגט צום דאָקטאָר, וואָס האָט אים באַגלייט: „נו וואָס, עס וועט נאָך קלעקן אויפן בית-הקברות אָרט פאַר די בר-מינַנס פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג?“

פון מיטעלן וואוקס, אַ דאַרער, מיט אַ מעפיסטאָפעלשן שמייכל אין געזיכט, האָט ער אויסגעזען ווי אַ פּרי פון גיהנום. און ס'איז קיין חידוש ניט, אַז ווען ער איז דעם 20 דעצעמבער 1918 געשטאָרבן פון קאָמפּליקאַציעס נאָך אַ גריפּ, האָבן מיר מצד דער באַפעלקערונג געהערט אויף זיין אַדרעס אָט די ווערטער: „ער איז געשטאָרבן ניט פון אַ קראַנקהייט, נאָר פון אונזערע קללות“. אַנדערע האָבן געזאָגט: „ער האָט געדאַרפט שטאַרבן פריער פאַר דער אָקופּאַציע“.





בקיצור, דער טויט זיינער איז באַגריסט געוואָרן ווי אַ באַפרייאונג פון אַ טיראַן.

די שטעלע פון אַ מעדיציניִשן קרייז-אינספּעקטאָר האָט ערפילט דער דאָקטאָר שליכטין, אַן אָקושער לויט ספּעציאַליטעט. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג ניט אָנצונעמען אין די אָרטיקע שפּיטאָלן די וואָס נייטיקן זיך אין אָקושעריש-גינעקאָלאָגישער הילף, נאָר אָפּשיקן זיי אין דער צענטראַלער פרויען-קליניק (זנאַמענסקע 15), וואָס האָט זיך געפונען אונטער זיין השגחה. אַזוי ווי ס'איז ניט געווען קיין מאַנגל אין דאָקטוירים-אָקושערן ביי די אָרטיקע שפּיטאָלן, הייבן מיר ניט אָן צו פאַרשטיין, צו וואָס איז נייטיק געווען אַרויסצונעמען פונם רשות פון די שפּיטאָלן די אָקושעריש-גינעקאָלאָגישע הילף און קאָנצענטרירן איר פאַרן גאַנצן קרייז דווקא אין יענער הייל-אַנשטאַלט, וואו שליכטין איז געווען הויפּט-דאָקטאָר. ביסלעכווייז איז דער קרייז-אינספּעקטאָר שליכטין אַריין אין געשמאַק און האָט אָנגעהויבן אויפנעמען ביי זיך קראַנקע פרויען אויף כל-המינים אָפּעראַציעס.

ווייסנדיקע מענטשן האָבן געזאָגט, אַז שליכטין מאַכט עקספּערימענטן ניט אויף קיניגלעך, נאָר אויף לעבעדיקע מענטשן: ער האָט זיך פשוט געאיבט אין אָפּעראַטיווער טעכניק אויף מענטשן, אויסנוצנדיק זיין הויכן אַמטלעכן מעמד.

אַרום מיטן דעצעמבער 1918 האָט שליכטינס קליניק אויפגעהערט צו עקסיסטירן; איר אינווענטאַר איז פאַרקויפט געוואָרן פאַר 24000 מאַרק איינער אַ צדקה-אַנשטאַלט.

---

פון 1 יאַנואַר 1919 איז די דייטשע אָקופּאַציע ליקווידירט געוואָרן.

אַרומקוקנדיק זיך צוריק אויף די 3½ יאָר דייטשער אָקופּאַציע, האָבן מיר ווילנער געהאַט די טרויעריקע געלעגנהייט אין די אָקופּאַנטן צו באַאָבאַכטן אַ בולט בילד פון יענעם טיפּ אייבער-מענטש, וואָס וועגן אים האָט נביאות געזאָגט ניצשע.

דער דאָזיקער גערמאַנישער אייבערמענטש, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער אָנגענומענער מאָראַל, דער אַלמעכטיקער אינדיווידוּ, מיט אַ פאָרכטלאָזיקייט אין בליק, מיט קלאַמערנדיקער עקשנות, מיט דער האַרטקייט פון אַ צעטרעטנדיקער האַנט; דאָס דאָזיקע טיטאַנישע בילד, וואָס ניצשע אידעאַליזירט אין זיין באַרימטן ווערק „צו דער גענעאַלאָגיע פון מאָראַל“, איז אויפגעשטאַנען פאַר אונז פאַר די פערטהאַלבן יאָר אָקופּאַציע אין זיין גאַנצער העסלעכער נאַקעטקייט. צו דעם דאָזיקן פאַראַכטן טיפּ פון „אייבערמענטש“ האָבן געהערט אינם פעריאָד פון דער אָקופּאַציע אויך אונזערע קאָלעגן לויט פּראָפעסיע—די דייטשע דאָקטוירים.

חייקל לונסקי.

# דער הונגער און דער יקרות אין ווילנע.

(פון אָנהייב דייטשע אָקופּאַציע ביז דער ערשטער פּוילישער).

I.

דער יקרות אין ווילנע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין מיטן חודש אלול תרע״ה צוויי וואָכן פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע. עס איז דאַן געווען אַ גרויסער דוחק אין ברויט און זאַלץ, ווייל די רוסישע און דייטשע פּאָזיציעס זיינען געווען לעבן ווילנע, דער באַן=פאַרקער פאַר ציווילע מענטשן איז געווען פאַרווערט, קיין צופיר פון דער סביבה איז ניט געווען. מחמת דוחק אין מעל האָבן זיך אַ סך בעקערייען פאַרמאַכט און ביי די איבעריקע איז געווען מוראדיקע „אָטשערעדעס" גאַנצע טעג און נעכט; מערניט די היימלאָזע (אַן ערך צוואַנציק טויזנט מאַן) האָבן געהאַט גענוג ברויט, ווייל דער „הילפס=קאָמיטעט" האָט געהאַט גרויסע זאַפּאַסן, וואָס די רוסישע אינטענדאַנטור האָט אים איבערגעלאָזן.

נאָר דער אמתער יקרות האָט זיך אָנגעהויבן ערשט בעת דער אָקופּאַציע. די דייטשן האָבן פאַרנומען ווילנע יום=כיפּור 1915 און אויף מאָרגן האָבן זיי שוין אויסגעראַמט דאָס גאַנצע ברויט פון אַלע בעקערייען; די שטאָט איז גלייך געוואָרן אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט, „אין יוצא ואין בא", און דער מקח אויף ברויט האָט זיך גלייך אַ הייב געטאָן פון 5 ביז 15 קאָפּ. אַ פונט (דאַמאָלסט איז 15 ק. געווען אַ גרויסע מטבע). סוף תשרי האָבן אייניקע ווילנער געגרינדעט דעם ערשטן קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער האָט געקראָגן אַ שיין אויף צו שיקן מענטשן „מחוץ לעיר" נאָך לעבנסמיטלען. תיכף האָבן זיך געגרינדעט נאָך אַזוינע 25 קאָאָפּעראַטיוון, און אויך דער פריער דערמאָנטער „הילפס=קאָמיטעט" האָט פון זיינע זאַפּאַסן געגעבן די בעקערייען מעל אויף צו באַקן ברויט פאַר דער אָרימער באַפעלקערונג און די „צדקה=גדולה" האָט עס דערנאָך געטיילט דורך די גבאים פון די קלויזן יעדן „מתפּלל" אַ ביכל פאַר זיין פאַמיליע; אויפן ביכל האָט יעדערער באַקומען טעגלעך אַ האַלב פונט ברויט פאַר אַ נפש, נאָר ניט מער פון 3 פונט פאַר אַ פאַמיליע לויטן פרייז פון 8 קאָפּ, און אַ האַלב פונט זאַלץ איינמאָל אין וואָך יעדן דאָנערשטאָג. די טיילונג פון דעם ברויט איז געווען נאָר אין פיר ערטער, און ביי די „אָטשערעדעס" איז די ענגשאַפט געווען אַזוי גרויס, אַז אייניקע מענטשן זיינען ממש דערשטיקט געוואָרן, און איינעם האָט אַ דייטשער אָרדנונג=היטער דערשטאָכן אויף טויט.

נאָכדעם ווי ס׳זיינען איינגעפירט געוואָרן די ברויט=קאַרטן אין דעצעמבער 1915 (טבת תרע״ו) און די דייטשן האָבן שוין אָנגעהויבן רעקווירירן תבואה אין די דערפער, איז ברויט ווידער טייערער געוואָרן, און אין משך פון פיר חדשים, פון אָנהייב ווינטער תרע״ו ביז סוף ווינטער, איז דער מקח אויף ברויט געשטיגן פון 15 ביז 85 קאָפּ. צוליב דעם יקרות אויף ברויט זיינען אויך די איבעריקע זאַכן טייערער געוואָרן. באַזונדערס שטאַרק איז אין יאָר תרע״ו געווען דער דוחק אויף פלייש. פאַר דער אָקופּאַציע פלעגט מען קוילענען 500 כשרע בהמות אַ וואָך; בעת דער אָקופּאַציע האָט מען געקוילעט אָפּיציעל אפשר נאָר אַ פּאָר צענדליק אַ וואָך אויף שבת, און נאָך אַ ביסל איז געווען אַריינגעגנבעטע. אין די קלויזן זיינען געגאַנגען גרויסע טומלענישן, אַז מ׳זאָל מתיר מאַכן „בשר חוץ". דאַן זיינען די רבנים אַרויס אין שבט תרע״ו 1916 מיט אַ געדרוקטער „הודעה ואזהרה": „עס איז שוין אפילו לאַנג באַוואוסט דער גרויסער איסור פון פאַרצייטיקע גאונים אויף „בשר חוץ" נאָר דער היינטיקער שווערער ווינטער, וואָס מיר לעבן איבער, האָט געמאַכט אַ גרויסן קריזיס אין פלייש=מאַרק, בהמות איז זייער טייער, דער אַריינפיר איז זייער שווער; צוליב דעם איז דער מקח אויף פלייש שרעקלעך געהויבן; פיל מענטשן שמאַכטן שוין אייניקע וואָכן אָן אַ שטיקל פלייש, וואָס דאָס קאָן זיך שטאַרק אָפּרופן אויף דעם געזונט פון די פיל פאַר=שוואַכטע מענטשן. צוליב דער היינטיקער שוואַכער דערנערונג א. אַז. וו. האָבן די רבנים געפונען צייטווייליק איבער דער מלחמה=צייט פאַר מעגלעך מתיר צו מאַכן „בשר חוץ", אויב נאָר מען זאָל איינאָרדנען אַ גוטע השגחה" א. א. וו.

די אַריינגעגנבעטע פלייש פלעגט מען אַריינפירן אין שטאָט אין אַרונות פון מתים, אָדער מיט דער הילף פון די דייטשע „אָבאָזן". דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, געקאָסט גוט געלט, און פלייש איז ניט ביליגער, נאָר טייערער געוואָרן. פריער האָט געקאָסט 20 קאָפּ. און אין אָקופּאַציע ביז 5 מאַרק און מערער אַ פונט. פאַר אָרימע לייט איז דאָס געווען אַ צו טייערער ביסן, און דער גאַנצער חיות פון די אָרימע איז געווען כאָטש פיש, איבערהויפּט אויף שבת, נאָר די „אָטשערעדעס" זיינען געווען אַזוינע גרויסע (פון 5 אינדער=פרי ביז 2 ביינאָג), אַז ניט איינער איז פאַרפראָרן געוואָרן אין די גרויזאַמע ווינטערס און ניט איינער איז געבליבן מיט קראַנקע לונגען פון די קלעפּ פון די דייטשע מיליטערלייט. און צו אַלעמען האָבן זיך די פרייזן אויך אויף פיש זייער געהויבן. מען פלעגט אַראָפּגנבענען די בעסטע פיש און אַריינטראָגן דעם גביר אין שטוב אַריין און פאַרן אָרימאַן איז געבליבן די ערגסטע, און פאַר פיש=לעך וואָס האָבן פריער געקאָסט 7 קאָפּ. און נאָך דעם הויפּטמאַנס טאַקסע 20 פעניג, האָט מען גענומען ביז $1^{1}/_{2}$ מאַרק. דאַן איז ווייטער געוואָרן אין די קלויזן גרויסע געשרייען און די רבנים האָבן געמוזט אַרויס אין חודש אָב, תרע״ו מיט אַ „חרם", ווי דער עולם האָט עס גערופן און וואָס אין דער אמתן איז דאָס געווען ניט מער ווי אַן „אזהרה", ווי עס איז געשריבן אין זייער נוסח: „אזהרה חמורה מהרבנים דפה. מיט דער גרעסטער שטרענגקייט און האַרבקייט אסרן די רבנים דפה צו צאָלן פאַר פיש העכער פאַר דער טאַקסע פון שטאָט=הויפּטמאַן; דער איסור אין זיין גאַנ=צער קראַפט און שטרענגקייט פאַלט אויף דעם קויפער, ווי אויך אויף דעם פאַרקויפער; ווער עס וועט טאָן קעגן דעם, איז אויסער וואָס ער איז עובר א „איסור חמור", ווערט ער אויך פאַררעכנט פאַר אַ רודף די גאַנצע באַפעלקערונג... דער איסור גייט אַריין אין קראַפט פון דאָנערשטאָג אָן, פּרשה דברים ה׳ אב תרע״ו $^{3}/_{8}$ 1916.

די טאַקסע פון שטאָט=הויפּטמאַן איז פאָלגנדיקע:

1) העכט, ברעסן, שלייען, אָקונעס, קאַרפּן, גרויסע פונטיקע—1 מאַרק, דיזעלבע קלענערע—65 פעניג.

2) פּלאָסקעס, קאַרעשן 4 אין פונט—65 פעניג.

3) שעלעוועס גרעסערע — 1 מאַרק, 40 פעניג אַ פונט; קלענערע—אין פונט—25 פעניג.

4) סטינקעס גרעסערע—30 פעניג, קלענערע—20 פעניג אַ פונט.

5) לעבעדיקע פיש פון די אַלע סאָרטן—מיט 25 פעניג אויפן פונט טייערער.

6) פיש-הענדלער און קאָמיסיאָנערן פון די פישעריי-אַרענדאַטאָרן מוזן פאַרקויפן די פיש די קליינהענדלערקעס מיט 15 פּראָצענט וועלוועלער".

די אזהרה האָט מען געלייענט מיט גרויס פאַראַד אין אַלע קלויזן דאָנערשטאָג און שבת פאַרן לייענען, אָבער ס׳האָט מער ניט געהאַלטן ווי איבערן חודש אלול, דערנאָך זיינען די פרייזן נאָך העכער געוואָרן; דער איינציקער פּועל=יוצא איז געווען, וואָס די אָטשערעדעס זיינען אַ ביסל קלענער געוואָרן, ווייל די פרומע

האָבן גאָר אויפגעהערט קויפן פיש, וואָרים די רבנים האָבן געאַסרט צאָלן טייערער פאַר דער טאַקסע. אַנדערע אַפילו האָבן געפונען אַן עצה: זיי פלעגן שיקן קויפן די דינסט, אָדער זיי האָבן געצאָלט אַליין טייער, נאָר זיי האָבן אָנגעזאָגט דעם פישער, אַז דאָס געלט, וואָס מער פון טאַקסע, גיבן זיי דאָס אים אַ הלוואָה (פאַרשטייט זיך, שלא על מנת להחזיר). ווי געזאָגט, האָט די „אזהרה" לאַנג ניט געהאַלטן: זי איז אין אייניקע וואָכן פון זיך אַליין בטל געוואָרן*).

נאָר אייגנטלעך איז דער יקרות אויף פיש און פלייש נאָך געווען גאָרנישט לגבי דעם יקרות אויף ברויט. אויף ברויט איז געווען ניט קיין יקרות, נאָר פשוט אַ הונגער. דער זומער 1916 איז אַריבער בשלום. און אין שניט=צייט האָט אַ קורצע צייט אַפילו געהאַלטן כמעט 20 קאָפּ. אַ פונט, אָבער אין יאָר תרע״ז האָט מען אין אָנפאַנג אינגאַנצן געגעבן אַ פערטל פונט ברויט (שפּעטער עפּעס מער ווי אַ פערטל), וואָס איז געווען אויסגעמישט מיט אַלע מינים, וואָס מ׳גיט עסן בהמות. פּריוואַט=ברויט איז געווען פאַר=ווערט. אַז מ׳פלעגט כאַפּן אַ בעקער באַקנדיק ברויט, איז אויסער דעם, וואָס מ׳פלעגט צונעמען ביי אים דעם גאַנצן געבעק, פלעגט ער נאָך דאַרפן אָפּזיצן וויפיל חדשים אין שרעקלעכע תפיסות. אַ שטיקל ברויט האָט מען געקאָנט קריגן געהיים נאָר ב״י באַקאַנטע קאָמענדאַנט=בעקער, וועלכע פלעגן בגנבה אויסבאַקן צו די פּאָר=ציעס נאָך עטלעכע פוד, וואָס די פודנטרעגער אָדער די „גייער", ווי מ׳פלעגט זיי רופן, פלעגן זיי צושטעלן געגנבעטערהייט אין שטאָט אַריין. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ ביסן ברויט, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט סכנותן און שוחד, האָט געקאָסט זייער טייער, ביי 1,10 רוב. אַ פונט, און דעם אָרימען מענטשן, דערהויפּט אין דער דאַמאָלסטיקער צייט פון אַרבעטסלאָזיקייט און צוואַנגס=אַרבעט, איז געווען אוממעגלעך צו קויפן זיך ברויט, אָבער אַזוי ווי מיט אַ פערטל פונט ברויט האָט מען ניט געקענט לעבן איז געווען שרעקלעכע יללות, דערהויפּט אין די קלויזן: מען פלעגט ניט לאָזן לייענען... אין קברנישער שול האָט דער סטאַראָדאָראָגער רב פּסחאָוויטש, אַ היימלאָזער, אַ גוטער רעדנער, אייניקע שבתים נאָכאַנאַנד אַגיטירט פאַר עפענען היגיענישע קיכן. אויך האָט ער פאַרלאַנגט, אַז אַזוי ווי אין שטאָט קומט אַריין ווינציק ברויט, זאָל יעדער, אַפילו דער פאַרמעגלעכער, עסן מער ניט ווי אַ האַלב פונט ברויט אַ טאָג, און דעם אַנדער האַלב פונט אָוועקגעבן אַן אָרימאַן. אַן אַנדער דרשן פון קברנישער שול, ר׳ שמשון, פלעגט אַלע ווײַלע אָפּריכטן דעם „עשירי קדש" מיט גרויס פאַראַד און ווידויים און בכיות און מעורר זיין דעם עולם צו תשובה און צו צדקה. יענעם ווינטער איז אויך געווען צו לייענען אויפן שול=הויף געשריבענע העברעאישע הודעות, וואָס איינע פון זיי שרייב איך דאָ איבער, ווי אַ היסטאָרישן דאָקומענט:

„הודעה מהרבנים דקהלתנו! בימי צרה ומבוכה כאלו הרעב שורר בתקפו ורבו חלליה בודאי עלינו החובה להתריע ולזעוק ולהתחנן מלפני ד׳ אולי יחנן ולכן הועדנו את יום ה׳ הבע״ל הוא יום כפור קטן ליום תשובה ותפלה. היום שחרית יתפללו בכנופיא מנין אחד בזמן קריאת שמע ויאמרו סליחות י״ג מדות ולאחר התפלה יאמרו כל הקהל עשרים מזמורי תהלים לכל הפחות... בשעה 4 קודם המנחה יתאספו תנוקות של בית רבן של החדרים והת״ת בבתי כנסיות ומדרשות הקרובים אליהם ויאמרו תהלים גם כל הקהל יאמרו תהלים. קודם מנחה ולאחר שמונה עשרה יתפללו כפי הסדר יום כפור קטן ותשובה ותפלה וצדקה מעבירים את רוע הגזרה לכן ראוי ביום זה להרבות בצדקה להשביע נפשות נענות העטופות ברעב בראש כל חוצות וד׳ ישמע שועתנו ובעת צרה יעננו, מדבר וחרב ימלטנו, ובזמן גאולה שניתיגאלנו במהרה בימינו אמן".

דער ווינטער פון יאָר תרע״ז איז באמת געווען דער שרעק-

*) מען מוז צונמערקן, אַז אויך ווייטער האָבן די אַלע אזהרות און חרמס פון די רבנים, מערניט געהאַלטן ווי איבער די ימים נוראים (פאַר די מורא פון „יום הדין") און תיכף נאָך יוכ״פ, הוש״ר פלעגט שוין בטל ווערן די מורא פאַר די „אזהרות" און די „חרמס".





לעכסטער מיט זיין הונגער, מגפות און אַרבעטסלאָזיקייט. דאָס אומגליק האָט אַרומגענומען אַלעמען, און אַלע האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם, יעדערער אויף זיין לשון: די רבנים און די פרומע— מיט תפילות און דרשות, אַרבעטער—מיט פּראָקלאַמאַציעס*), דער המון=עם—מיט ניט לאָזן לייענען, „רייסן קברים", און פרויען, דערהויפּט „רעזערוויסטקעס", וועלכע פלעגן זיך צוזאַמענטרעפן ביים באַקומען די קאַזיאָנע שטיצע, פלעגן מאַכן שיר ניט „דעמאָנ=סטראַציעס" אויף געאָרג=פּראָספּעקט, לעבן דעם בנין פון קאָמענ=דאַנט, מיט געוויינען און די קינדער אויף די הענט, נאָר די סאָלדאַטן פלעגן זיי פונאַנדערטרייבן.

דער ווינטער איז אויך געווען שרעקלעך מיט זיינע גרויסע פרעסט. דאָס אומזיסטע האָלץ, וואָס מען פלעגט באַקומען, איז גראָד געווען זייער נאַסע; אַ פונט ברויט האָט געקאָסט מער ווי אַ רובל און דער אָרימאַן האָט געלעבט נאָר מיט דעם טעלערל וויקע און עס איז געווען שרעקלעך צו זען דעם הילוך פון די אָרימע געשוואָלענע פּנימער, וואָס פלעגן אַרויסקוקן פון אַ גוף איינגע=וויקלט פון קאָפּ ביז די פיס אין שמאַטעס. עס איז געווען שרעק=לעך צו הערן די קולות פון די קינדערלעך אויף די גאַסן. אָרימע=לייט זיינען געפאַלן ווי פליגן.

דער יקרות האָט כמעט געהאַלטן אַ קיילעכדיקן יאָר, און דעריבער איז זומער אויסגעבראָכן אַ אומגעוויינלעכע עמיגראַציע אין די קליינשטעטלעך, כדי צו ראַטעווען זיך פון הונגער=טויט. מען פלעגט לאָזן אויף הפקר גאַנצע בעלי=בתישקייטן, אָדער פאַר=קויפן אַלץ שפּאָט=ביליג, נעמען די קינדערלעך מיט אַ פּאָר קישעלעך און פאָרן (מיט אַ שיין פון צענטראַל=קאָמיטעט) אין באַשטימטע ערטער, ווי אָליטע, קאָשעדאַר, פּאָנעוועזש א. א. וו. און ווער ס׳האָט זיך צוליב דעם הונגער ניט געקענט דערוואַרטן אויף אַ שיין, פלעגט נעמען די קינדער אויף די פּלייצעס און מ׳איז גע=גאַנגען צו פוס, וואו די אויגן האָבן געטראָגן.

אויף אַלע וועגן אונטער ווילנע האָט מען געקאָנט זען לעבע=דיקע גלות=בילדער: מחנות יונגע און אַלטע פרויען און קראַנקע האָבן זיך געשלעפּט מיט די לעצטע כוחות פאַריאָמערט, פאַרחושכט, מיט די געפּעק אין די קליינע שטעטלעך אַריין, די איבערגעבליבענע האָבן געוואַרט אויף שניט=צייט ווי אויף משיחן. ס׳איז געווען גראָד אַ געראָטן יאָר און אין אָנהייב איז טאַקע געפאַלן דער מקח אויף ברויט ביז 30 קאָפּ. אַ פונט, אָבער גלייך האָט ער זיך ווייטער אויפגעהויבן ביז 55 קאָפּ. די פּלוצלונגע העכערונג פון מקח אויף ברויט אין מיטן שניט=צייט האָט אַרויסגערופן אין גאַנץ שטאָט גאָר אַ באַזונדערן רעש. אויפן שולהויף פלעגן זיך אַלע ווײַלע ווײַזן אַנאָנימע קול=קוראָס וועגן יקרות. איין מודעה איז געווען פ׳ ראה מיט אַזאַ לשון: „ליבע יידן, קומט היינט אין גרויסע שול אויף אַן אַסיפה, דאָרטן וועט מען ריידן וועגן דער גרויסער גזרה פון די פּאָרציע ברויט און וועגן דער ספּעקולאַציע פון די הויכע פּרייזן אויף ברויט".

אין אַן אַנדער אַנאָנימען קול=קורא איז געשטאַנען:

„ווילנער יידישע אײַנוואוינער! פאַרזאַמלט זיך היינט דינסטאָג דעם 14-טן אווגוסט 5 דעם זייגער אין דער גרויסער שול צו באַטראַכטן די עקאָנאָמישע פראַגע וועגן ברויט און אַנדערע שפּייז=פּראָדוקטן, וועלכע שטעלט אין געפאַר דעם לעבן פון אונז מיט אונזערע פרויען און קליינע קינדערלעך עוללים שאלו ללחם ואין! קליינע קינדערלעך בעטן ברויט! מענטשן שטאַרבן אין די גאַסן, גאַנצע פאַמיליעס גייען אַוועק פון דער וועלט און נאָר צוליב דעם ברויסן

*) אָט איז אַן אויסצוג פון דער אומלעגאַלער פּראָקלאַמאַציע, וואָס דער „בונד" האָט אָפּגעדרוקט צום 1-טן מאַי 1917: „אַ שרעקלעכע צייט לעבן מיר איבער. דער „מלאך המות" מיט זיין חלף שפּרייזט איצט אַרום איבער אונזערע הייזער און קאָשעט אָן אָפּרו, אונזערע קינדער, אונזערע עלטערן, ברידער און שוועסטער; דער מוראַדיקער הונגער האָט זיך פעסט באַזעצט ביי אונז און דריקט אַלץ פעסטער צו מיט זיין ביינערדיקן סקעלעט, אַ שרעקלעכע סכנה פון אונטערגאַנג שטייט אונז אַלעמען פאַר".

גומגעהייערן יקרות, וואָס קומט דורך די ספעקולאַנטן, וועלכע ווילן זיך אויפבויען דורך יענעמס חורבן. פיל שטעט און שטעטלעך, ווי קאָוונע, גראָדנע, לידע א. א. וו. האָבן געפונען מיטלען ווי אָפצושאַפן די אַרויסגערופענע קאַטאַסטראָפע. זיי האָבן געגרינדעט קאָמיטעטן וואָס זייער הויפּטציל איז געווען קעמפן מיטן יקרות—און זיי האָבן אויסגעפירט. און אונזער ווילנע, ירושלים דליטא, וועט שטיין פון ווייטן אין אַזאַ אומגליקלעכער צייט און ניט העלפן אירע ברידער, וואָס גייען אויס פון הונגער? ניין, עס לאָזט זיך ניט גלויבן, עס ליגט אַ מאָראַלישע פליכט אויף אַלע רבנים, דרשנים, כלל-טוער און אויף יעדער ייִדן, וועלכער קאָן נאָר מיטהעלפן, צו קומען היינט צו דער אסיפה אין גרויסער שול און באַטייליקן זיך אין דער גרויסער פאָלקס-פאַרזאַמלונג, וועלכע וועט אויסקלייבן אַ קאָמיטעט פון פאַרשיידענע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג, וועלכער זאָל מיט גרויס ענערגיע באַפרייען אונזער שטאָט פון דעם אַרויסגערופענעם יקרות און דערמיט אונז ראַטעווען פון הונגער-טויט. ברידער, פאַרגעסט ניט אייער הייליקן חוב און גאָט וועט העלפן".

אין גרויסע שול איז טאַקע דאַן פאָרגעקומען אַ שטורמישע פאָלקס־פאַרזאַמלונג; ס'זיינען געווען פאָרשטייער פון אַלע פאַרטייען און זייער אַ גרויסער המון פון מענער און פרויען; מ'איז געשטאַנען אויף די בענק, אויף די טישן, די רעדנער זיינען געשטאַנען ניט לעבן ארון־קודש, נאָר אויף די טרעפּלעך פון דער פאַראַדנער טיר; ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ פּרעזידיום צו פירן די אסיפה, צווישן וועלכע ס'זיינען געווען פאַרטראָטן: פון די סאָציאַליסטן — רעואל גינזבורג, וועלכער איז געווען פאָרזיצער, פון די אָרטאָדאָקסן — דער סטאַראָדאָראָגער רב, פסחאָוויטש און דער רבי פון „תפארת־בחורים" סראָעלאָוו, פון בע"ב. — י. ל. גורעוויטש, ב. אַלטשולער, פון דעמאָקראַטן — א. הײלפּערן, רעמיגאָלסקי, יונה שאַפּיראָ, יצחק ברוידעס.

נאָך די פאַרביטערטע רעדעס און לאַנגע דעבאַטן, האָט די פאַרזאַמלונג אויסגעקליבן פון דאָסניי אַ שטאָטישע קאָמיסיע (די פריערדיקע קאָמיסיע, וואָס מ'האָט אויסגעקליבן דעם 16 יולי אויף אַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג אין קרענגעלס זאַל, איז בטל געוואָרן) וועלכע איז באַשטאַנען פון פּרעזידיום און 2 פאָרשטייער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

אין יענעם אָוונט איז אויך געווען אַן אסיפה אין צענטראַל־קאָמיטעט, וועלכער האָט פון זיין קאָמיסיע צו באַקעמפן דעם יקרות אויך אויסגעקליבן צוויי מיטגלידער, דעם ה' פינעס און ג. פּופּס, און זיי דעלעגירט אין דער שטאָטישער קאָמיסיע. די שטאָטישע קאָמיסיע האָט געהאַט פאָלגנדע אויפגאַבן: קומען אין אַ קאָנטאַקט מיט די פּוילישע, ווייסרוסישע און ליטווישע קאָמיטעטן, כדי זיי זאָלן ווירקן אויף די הויפּט־ספּעקולאַנטן — די פּויערים פון דאָרף — אַז זיי זאָלן ניט אַזוי באַרייסן און פאַרפּייניקן די שטאָט־לייט; געמיינזאַם צונויפזאַמלען 50 טויזנט חתימות ביי דער באַפעלקערונג; דערלאַנגען דער מאַכט אַ מעמאָראַנדום מיט די פאָדערונגען: 1) פאַרגרעסערן דעם ראַציאָן ברויט ביז אַ פונט. 2) ערלויבן דעם פרייען אַריינפיר פון פּראָדוקטן. 3) באַזאָרגן די באַפעלקערונג מיט האָלץ אויף ווינטער. 4) ניט מישן און צונויפמישן שלעכטע פּראָדוקטן, ווי למשל, פאַרשימלטע קעז, פאַרפוילטע ברוטשקע, וכדומה, מיט גוטע ביים פונאַנדערטיילן די לעבנסמיטלען דער באַפעלקערונג. דער מעמאָראַנדום איז אָבער ניט דערלאַנגט געוואָרן, מחמת ביי די ייִדן זיינען נאָך ווי עס איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן 5 טויזנט חתימות, אָבער ביי די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן, הגם זיי האָבן דעם מעמאָראַנדום אַקצעפּטירט, זיינען דאָך קיין חתימות ניט אויפגעזאַמלט געוואָרן.

אין יענער צייט, דעם 16 אַווגוסט, איז אויך געווען אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג פון די קאָנסום־פאַראיינען צוזאַמען מיט דער שטאָטישער קאָמיסיע און ס'איז באַשטימט געוואָרן, אַז אַזוי ווי די מאַכט גיט אַרויס די קיכן קאָרענע מעל (ווייל עס איז דאַן געווען אַ דוחק אין גרויפּן) זאָל מען פון דעם מעל אָפּשפּאָרן און באַקן ברויט, וועלכע מען זאָל אַרויסגעבן צו איין פונט אַ וואָך אויף אַ נפש צום מקח פון 35 קאָפּ. אַ פונט.



אַ קורצע צייט האָט מען טאַקע אַלע פרייטאָג געטיילט דאָס ברויט אין די קיכן; די קאָמיסיע פון צענטראַל־קאָמיטעט האָט דאַן אויך צוזאַמענגערופן די קאָמענדאַנט־בעקער אויף אַ זיצונג, און הגם די בעקער האָבן געזאָגט, אַז מ'קען פאַרקויפן דאָס ברויט אויף 40 ק. אָנשטאָט די 75 ק. וועלכע ס'האָט דאַן געקאָסט, דאָך איז פון דער זאַך גאָרניט אַרויסגעקומען, ווייל אייניקע בעקער האָבן זיך בשום אופן ניט געוואָלט אונטערגעבן דעם דאָזיקן באַשלוס; פונדעסטוועגן איז דאָך געפאַלן דער מקח פון 75 אויף 60 ק. אָבער די שטאָטישע קאָמיסיע האָט געפאָדערט, אַז מ'זאָל פאַרקויפן אויף 38 ק. און דעם 23־טן אַווגוסט 1917 איז אין דער גרויסער שול ווייטער פאָרגעקומען אַ שטורמישע פאָלקס־פאַרזאַמלונג פון מענער און פרויען פון המון. מען האָט ביטער גערעדט, פרויען האָבן געוויינט, און מ'האָט באַשטימט אַרויסלאָזן וועגן דעם אַ מודעה.

דאָס איז דער נוסח פון דער מודעה:

„לויט דער החלטה פון דער פאָלקס-פאַרזאַמלונג דעם 23 אַווגוסט, איז באַשטימט געוואָרן, אַז פון זונטאָג אָן דעם 26 אַווגוסט זאָל מען צאָלן פאַר ברויט ניט טייערער ווי 38 קאָפּ.; טאָמער וועלן אַנדערע בעקער ניט וועלן לאָזן אויף דעם מקח, זאָל מען אויסקומען מיט גרינסן, מיט קאַרטאָפל וכדומה; מיר בעטן אַלע רבנים, גבאים פון די קלויזן אויסרופן דאָס אין אַלע קלויזן שבת פאַרן לייענען און בעטן אַלעמען מיטהעלפן און האַלטן זיך פעסט אָן דער החלטה".

מ'האָט אויך געטיילט אויפן שול־הויף און געקלעפּט אין די ייִדישע גאַסן דעם 27־טן אַווגוסט אַזעלכע אויפרופן:

„געדענקט! צאָלט ניט טייערער פאַר ברויט ווי 38 ק., דאָס באַקעמפן פון יקרות ליגט אין אייערע אייגענע הענט".

די טאַקסע פון 38 ק. האָט אָפּגעהאַלטן מערניט איין וואָך, ד. ה. מ'האָט גענומען ביי די בעקער און קרעמער מיט געוואַלד אויף דעם מקח; דערנאָך אָבער האָבן די בעקער גאָר אויפגעהערט צו באַקן און ס'איז געוואָרן נאָך ערגער, מ'האָט אפילו פאַר געלט אויך קיין ביסן ברויט ניט באַקומען.

די לאַגע איז דאַן געווען אין שטאָט אַ שרעקלעכע. דאָס קאָן מען אויך זען פון ק"ק, וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבן דעם 28־טן אַווגוסט 1917:

„עס איז געקומען דער שרעקלעכער מאָמענט, וועלכן מיר האָבן ערוואַרט מיט שוידער און ציטערניש: די ווילנער קהילה איז געבליבן אָן אַ גראָשן געלט, קיין שטיצע פון אַמעריקע און רוסלאַנד באַקומען מיר שוין מער ניט, אַלע צדקה-אַנשטאַלטן געפינען זיך אין דער שרעקלעכסטער לאַגע און וועלן זיך מוזן צומאַכן, טויזנטער דערוואַקסענע קינדער שטרעקן אויס זייערע אויסגעדאַרטע הענט און מיט פאַרשמאַכטע ליפּן שרייען זיי: ברויט, ברויט! באַלד קומט שוין אָן דער ווינטער און מען מוז אויך זאָרגן וועגן האָלץ, שוכוואַרג א. א. וו".

אין גרויסער שול האָט הרב רובינשטיין ראש־השנה געהאַלטן אַ וואַרימע דרשה וועגן דער לאַגע, אַז פיל האָבן געוויינט. כמעט 90 פּראָצענט זיינען דאַן אָנגעקומען צו צדקה און די איינציקע שטיצע איז געווען דער צ. ק. וואָס פלעגט געבן אומזיסטע טאַלאָנען אויף דעם קאָמענדאַנטישן ברויט, און די חברות „אחיעזר" וואָס פלעגן טיילן אומזיסט. אָבער די שטיצע פון „אחיעזר" פלעגט אויסמאַכן דורכשניט קוים 14 פעניג אויף אַ נפש, און ברויט האָט מען פון 1־טן מאַי ביזן 3־טן אַווגוסט אַרויסגעגעבן אויף די טאַלאָנען קוים $^1/_4$ פונט. די זופּ־קיכן האָבן זיך געגרינדעט ערשט דעם 1 יוני און ס'האָט געקאָסט 15 פעניג אַ פּאָרציע. די אַרבעטסלאָזיקייט איז געווען גרויס און דערצו נאָך האָט געווילדעוועט די גזרה פון צוואַנגס־אַרבעט. אַלע ווייַלע פלעגט מען כאַפּן פון די גאַסן און דאָס כאַפּן פלעגט אָפטמאָל געדויערן אפילו צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד. די מאַנסביל זיינען געלעגן פאַרבאַהאַלטן אין די קעלערס, אויף די ביידימער. אין שטאָט האָט דאַן אויך געהערשט די מגפה פון טיפוס און דיזענטעריע. דעם 14 יולי איז אפילו געווען אָנגעקלעפּט אַ מודעה אויפן שפּיטאָל „סאַוויטש", אַז די סאָלדאַטן זאָלן זיך היטן פאַר כאָלערע.

אין די יאָרן 1916—17 איז מען געווען אַרומגערינגלט און איינגעשמידט אין דער אייזערנער קייט פון דער יונקערשער דיקטאַטור, מען איז געווען פאַרלאָרן אין יאוש אָן שום האָפענונג אפילו צו פּראָטעסטירן און מען האָט געמיינט, אַז די הימלען האָבן זיך שוין אַראָפּגעלאָזן. מען האָט אָפט באַגעגנט ווי הונגעריקע מענטשן גייען צוזאַמען מיט הונגעריקע הינט איבער די פּוסטע גאַסן, איבער די ליידיקע מערק זוכן עפּעס אַ ברעקל. אַ שטיקל בולבע=שאָלעכץ איז געווען אַ גאַנצער יום=טוב און מען האָט פון דעם געמאַכט גאַנצע מאכלים.

און די יונקערס זיינען זיך אַרומגעגאַנגען צופרידענע, מיט די רויטע אָפּגעפרעסענע פּנימער און ס'האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם, פאַרבייגייענדיק זייערע אַ קיך, פון די ריחות פון די אַלערליי געשמאַקע מאַכלים.

און קוקנדיק אָפטמאָל, ווי די כאַפּערס פון דער מיליטער=פּאָליציי לויערן פון די ווינקעלעך אויף די הונגעריקע מענטשן, און די היצלס לויערן אויף די הונגעריקע הינט,—האָט מען בשעת מעשה געטראַכט, אַז די הינט איז שוין בעסער פון די מענטשן, וואָרים זיי וועט מען דאָך גלייך אַראָפּנעמען די קעפּ און אַ סוף צו די צרות, די מענטשן אָבער וועט מען נאָך גענוג אכזריותדיק פּייניקן ביינאַכט אין די פאַרשפּאַרטע קאַלטע באַראַקעס מיט די דריי=גאָרנדיקע נאָרעס, וואו זיי פלעגט אויסקומען צו באָדן זיך אָפּטמאָל אַפילו אין דעם אייגענעם שמוץ, בייטאָג מאַטערנדיק זיך אין הונגער און פראָסט ביי דער שווערער אַרבעט און דערנאָך ערשט אויסגיין ערגעץ=וואו אין אַ וויסטעניש ווייט פון אייגענע און נאָענטע. און די יונקערשע אָקופּאַציע האָט אַזוי פאַרפּייניקט, אַז מען האָט פאַראַכט זייער קולטור און זייער פּינקטלעכקייט, זייער אָרדענונג און זיכערקייט, וויבאַלד דאָס אַלץ האָבן זיי אויסגענוצט נאָר, כדי בעסער אויסצוזויגן אונז פאַר זייערע צוועקן.

און ווען דער חורבן פון די שטאָטישע איינוואוינער, פון די יידן, איז געוואַקסן פון טאָג, האָט די עשירות פון פּויער זיך געמערט אַלץ אָן אַ שיעור אַזוי, אַז ער האָט שוין די מאַרקן גאָר ניט געקענט ציילן, נאָר ער האָט זיי אויפן פונט, אויפן פּוד, געוואויגן, אַזוי פיל האָט ער זיי עס געהאַט. דעם לעצטן גראָשן פאַרן פּודל קאָרן, פאַרן בינטל האָלץ, האָבן זיי אויסגעזויגן ביי דער שטאָטישער באַפעלקערונג, איבערהויפּט ביי דער יידישער, וועלכע איז געווען אויסגעפרעסט און פאַרפּייניקט פון הונגער און קעלט. די פּויערים פלעגן קומען אין שטאָט און אויסקויפן די בעסטע זיידנס, די טייערסטע מעבל און כסדר טענהן: „פריער זיינען מיר געווען די כאַמען, איצט זייט איר די כאַמען, און מיר די פּאַנען". ס'איז געקומען אַזוי ווייט, אַז אַ קורצע צייט האָבן זיי שוין אַפילו פאַר מאַרקן ניט געוואָלט פאַרקויפן, נאָר פאַר גאָלד, פאַר צירונג.

סוף יאָר 1917 איז די לאַגע אַ ביסל לייכטער געוואָרן, די אייזערנע קייט האָט אַ ביסל נאָכגעלאָזן. עס האָט זיך אָנגעהויבן צו ריידן וועגן אַ שלום מיט רוסלאַנד, ס'האָט זיך אויך באַוויזן דעם פּויפּסטס נאָטעס וועגן אַן אַלגעמיינעם שלום. מ'האָט אַ ביסל דעם אָטעם אָפּגעכאַפּט. אין דער פּרעסע האָט זיך אָנגעהויבן ריידן וועגן ליטווישער אַווטאָנאָמיע און דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט ווי אויפגעוואַכט פון אַ טיפן, שווערן שלאָף. דאַן איז ברויט אַ ביסל ביליגער געוואָרן, עס האָט געהאַלטן 29 קאָפּ. און איינער אַ שמוכלער האָט זיך פון עגמת=נפש גאָר אויפגעהאַנגען. אָבער גאָר אינגיכן האָט זיך דער פּרייז פּלוצלונג ווידער געהעכערט אויף 36 קאָפּ. און דער יקרות האָט זיך געשטאַרקט פון מינוט. דער גאַנצער מסחר איז פאַרבליבן ווי געווען—ביי דער יונקערשער מאַכט, אין לעבנסמיטל=אָפּטיילונג און געווערבס=אָפּטיילונג. און צוקומען אַהין האָט מען געקענט נאָר מיט 3 זאַכן: מיט גאָלד, מיט שוחד און מיט יפי=פיות. פאַרשטייט זיך, אַז אַזוינע שמוכל=און גזלה=



געשעפטן זיינען געווען אַן עסק פאַר אויסוואורפן און זיי האָבן שרעקלעך באַגזלט דאָס פאָלק. אין דער צייטונג „אונזער שטימע" סוף 1918, איז געווען דאָקומענטאַריש אויסגערעכנט אַ גאַנצער צעטל פאַרברעכנס וואָס די שמוכלערס האָבן אָפּגעטאָן אַפילו דאַן, ווען זיי האָבן שוין אַביסל מורא געהאַט פאַרן פאָלק: זיי האָבן צעשלעפּט דעם צוקער, די גרויפּן, דעם סיראָפּ, דעם מאַרמעלאַד, דאָס זאַלץ, אַלץ וואָס עס איז געווען באַשטימט פאַרן פאָלק. עס האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ סדרה פון אַרויספירן גאַנצע וואַגאָנעס תבואה: קיין ריגע, קיין דווינסק (פון 15=טן דעצעמבער אויך קיין מינסק). ס'האָבן זיך אויך געגרינדעט סינדיקאַטן פון ווילנער מעלער, בעקער און שמוכלער. זיי האָבן געמאַכט אַ יד=אחת מיטן יונקער און אַלע צוזאַמען באַגזלט דעם אָרימאַן. ס'איז געווען אַ שרעקלעכע ספּעקולאַציע, אַ גאַנצע וואַקכאַנאַליע פון גנבה און גזלה. מיט אַמאָל פלעגט ניט ווערן קיין זאַלץ, קיין קאָרן, די פּרייזן אויפן פונטל ברויט פלעגן זיך משונהדיק בייטן: אינדערפרי 60 קאָפּ.; בייטאָג 70 קאָפּ.; ביינאַכט שוין גאָר 80 קאָפּ.! דער פּסיכאָז פון גנבה האָט אַרומגענומען אַלעמען. אַפילו די בעלי=טובות און כלומרשט כלל=טוער. און אַנדערע קיכן האָבן אויף אַזוי ווייט באַגזלט גאָר אָפן בראש=גלי, אַז אויף דער אַסיפה פון די פאָלקסקיכן דעם 5=טן יאַנואַר 1918 אין „האַנטווערקער=שול", איז געוואָרן אַ רעש וועגן די גזלות און אַ סך בעלי=טובות פון די קיכן האָט מען טאַקע צוליב דעם באַזייטיקט.

צום יקרות אויף ברויט איז נאָך דאַן צוגעקומען נאָך אַ צרה פון די דירות. נאָכן אָנהייב פון די שלום=אונטערהאַנדלונגען אין בריסק, זיינען פון רוסלאַנד אָנגעקומען אַ סך גבירים מיט די פולע טויזנטער און די הויזווירטן האָבן מיטן תירוץ פון דעם כלומרשטן מאַנגל אין דירות אָנגעהויבן גוואַלדיק צו העכערן דאָס דירה=געלט און וואַרפן די אָרימע לייט פון די דירות.

נאָכן שלום מיט אוקראַינע, אין פעברואַר 1918, זיינען אָנגעלאָפן סוחרים פון אוקראַינע און מען האָט אויסגעקויפט די מאַנופאַקטור. דאָ איז פּלוצלונג געשטיגן דער פּרייז פון 1 רובל אויף 50 רובל און די אָרימע האָבן שוין צו זאַכן אויך ניט געקענט צוקומען, און מען איז געגאַנגען פּשוט אָנגעטאָן אין פאַרפאַרבטע און ניט געפאַרבטע זעק, איינגעוויקלט אין שמאַטעס, פון קאָפּ ביז די פיס. עס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן אַ נייע ספּעקולאַציע מיט פּעקלעך מאַנופאַקטור, מיט שוכוואַרג, מיט וואַגאָנעס שוועבעלעך, זאַלץ, ליכט.

נאָר ערגער פון אַלץ איז פאָרט געווען די ספּעקולאַציע מיט ברויט. אַפילו דאָס שליסן שלום מיט רוסלאַנד אין מערץ 1918 האָט שוין מער ניט געווירקט, אין דער צייט וואָס אין דעצעמבער 1917, אַז מ'איז נאָר צונויפגעקומען אין בריסק צו ריידן וועגן שלום, איז ברויט וואָלוועלער געוואָרן כמעט אויף 50 פּראָצענט.

נאָך פּסח תרע"ח איז די לאַגע געוואָרן אַזוי שלעכט, אַז די „צדקה=גדולה" האָט זיך כמעט אינגאַנצן פאַרמאַכט צוליבן געלטמאַנגל. די מינסקער זיינען צונויפגעפאָרן און געצאָלט פאַר אַלץ אַזוינע משונהדיקע פּרייזן, אַז דער יקרות האָט זיך נאָך מער געשטאַרקט, און אין שטאָט איז געוואָרן ווידער אַ גרויסער ויצעקו. דער קאָמיטעט צו באַקעמפן דעם יקרות איז שוין דאַן ניט געווען (ער איז נאָך בטל געוואָרן אין אָקטאָבער 1917). האָט מען סוכּות אין שול געמאַכט אַן אסיפה וועגן יקרות, און דער לערער מ. שור האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט צו באַרירן אויך די פּאָליטיק אין ליטע. גראָד זיינען אין שול אַריין דייטשע געסט. דערהערט אַזאַ רעדע, האָבן זיי גלייך וועגן דעם איבערגעגעבן וואו מען באַדאַרף און מ'האָט אַלעמען, אי די שמשים אי די רעדנער, גערופן אין געהיים=פּאָליציי אַריין אויף אַ חקירה=ודרישה; דער פּועל=יוצא דערפון איז געווען, אַז אין שול האָט מען שוין מער קיין אסיפות ניט געלאָזט מאַכן און דער שטאָטישער קאָמיטעט האָט שוין כמעט ווי

גאָרניט געטאָן. איינע פון די סיבות, וואָס דער קאָמיטעט איז בטל געוואָרן, איז געווען דאָס, וואָס דער פאָרזיצער, רעואל גינזבורג, האָט געמוזט פאַרלאָזן ווילנע אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם מעמאָראַנדום, וואָס איז דורך אָסקאַר קאָן אַוועקגעשיקט געוואָרן אין דייטשן רייכסטאַג און האָט אַנטהאַלטן שאַרפע פּאָליטישע פאָדערונגען. נאָכדעם ווי דער קאָמיטעט צו באַקעמפן דעם יקרות האָט אויפגעהערט צו פונקציאָנירן, האָט דער המון אַליין זיך געמוזט נעמען צו דער אַרבעט און מ'האָט צעשניטן די זעק מעל, וואָס מ'האָט געוואָלט אַרויספירן אין מינסק. דאַן האָבן שוין אויך די פאָרשטייער פון צ. ק. ביי דער מאַכט אויסגעפועלט, אַז מען זאָל פאַרווערן דעם אַרויספיר קיין מינסק.

אין יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבן פילן דער אָנהייב פון דער יונקער'שער מפלה. אין שטאָט איז געוואָרן גאָר אומרואיק, מען האָט גערעדט וועגן אַ מאָביליזאַציע, דער צ. ק. האָט זיך כמעט ווי צוגעמאַכט, מחמת פון אַמעריקע האָט שוין אינגאַנצן אויפגעהערט צו קומען שטיצע. דערצו נאָך האָט מען דעם 29 מאַי 1918 ווייטער פאַרקלענערט דעם ראַציאָן אויף דריי רוסישע פונט אַ וואָך אין קליינע רויע לעבעלעך. עס האָט געהערשט טיפוס, דיזענטעריע, די שפּאַנקע. קיין פלייש איז אין שטאָט אויך ניט געווען, מען האָט פאַרקויפט פערדן-פלייש און טיילמאָל אפילו במקום כשרע. די וואַקכאַנאַליע פון דער ספּעקולאַציע האָט שוין דאַן דערגרייכט איר העכסטן גראַד. קאָמי-וואָיאַזשאָרן און שניידער-יונגען זיינען געוואָרן מיליאָנערן פון דעם פאָלקס גזלה. ברויט האָט געהאַלטן איבער אַ רובל, און דער הונגער האָט געמאַטערט די באַפעלקערונג. אפילו די רבנים האָבן דאַמאָלסט אויך דערלאַנגט אַ פּראָטעסט-פּעטיציע אין צ. ק. פאַרוואָס מען לאָזט זיי הונגערן.

תשעה באָב, דעם 14-טן יולי 1918, האָט אין קברנישער שול נאָך די קינות אויפן חורבן ירושלים איינער אַ דרשן געהאַלטן אויך אַ ביטערע קינה אויף חורבן ווילנע צוליבן יקרות און הונגער. און ווען פריער האָט מען נאָך אַלץ געהאָפט, אַז אין שניט-צייט וועט וועלוועלער ווערן, איז איצט שוין פאַרלאָרן געגאַנגען די האָפענונג אויך, און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן איבערן שטאָט שרעקלעכע געשרייען, און אויפן שולהויף פלעגט זיך אַלע ווײַלע באַווייזן אַזוי ווי אין יאָר 1917 נייע מודעות וועגן הונגער און יקרות. למשל, אין איין וואָך פּ' תבוא תרע"ח (אַווגוסט 1918), זיינען געווען דריי מודעות. איינע אויף העברעאיש — מיט אַזאַ נוסח:

הוי, מפקיעי שערים! עד מתי תרצחו אלפי נפשות, הלמען מלא אמתחותיכם ואמתחות האכרים זהב, תכריתו אוכל מפיות אלפי אנשים אמללים? הנשמע כזאת, אם בעת האסיף, אשר עיני כל יצפו ללחם זול, עוד תוקירו את השער, הלא תדעו כי בגללכם אלפי נפשות מפרפרים בין החיים והמות, ומה תעשו ליום פקודה בקום ה' למשפט להושיע נפשות אביונים?

### נאָך אַ מודעה דינסטאָג, אין יידיש, אויך אין דערזעלבער וואָך:

ברידער! חברים! שבת פּ' תבוא טאָר מען ניט לאָזן דאַוונען און לייענען אין קיין שול; מען מוז אלע ווי איין מענטש זען אויסראַמען די שלעכטע עלעמענטן, מ'מוז זיך ראַטעווען פון די שונאים פון פאָלק; אונזער געדולד האָט שוין געפּלאַצט, מיר וועלן זין ניט אָפּשטעלן פאַר קיין געבאַר צו נעמען נקמה פון די שמוכלער.

### פרייטאָג דיזעלבע וואָך, נאָך אַ מודעה מיט אַזאַ נוסח:

צו אלע ווילנער יידן! פקוח נפשות איז דוחה שבת! פאַרוואָס זאָל מען שווייגן ווען טויזנטער פאַמיליעס גייען אויס פון הונגער, ווייל זיי האָבן ניט צו צאָלן 90 קאָפּ. אַ פונט ברויט, אין דער צייט, ווען ס'דאַרף מערניט קאָסטן ווי 25 קאָפּ. נאָר מערניט ווייל די שמוכלער פירן אַרויס טעגלעך 10 וואַגאָנעס מעל אין דווינסק און ריגע. און מיר ווילנער יידן פון ירושלים דליטא האָבן איינגעבויגן דעם קאַרק און זאָגן דעם פּסוק: על גבי חרשו חורשים. ניין מען דאַרף דאָך קלאָגן „איכה ישבה בדד העיר" פאַרוואָס גייט מען ניט צום שעף! אלזאָ זאָלן מיר שבת זיך אויפקלייבן און אַלע גיין בעטן ביים שעף, וועגן פאַרגרעסערן דעם ראַציאָן ביז אַ פונט און פריי אַריינפיר.

נאָך פיל טומלענישן און געוויינען אין אַלע קלויזן אייניקע שבתים נאָכאַנאַנד, ווען מ'האָט ניט געלאָזן לייענען און דאַוונען מוסף און געפאָדערט, אַז מען זאָל אויסרופן אַ חרם אויף די שמוכלער, האָבן די רבנים סוף-כל-סוף נאָך לאַנגע ישוב-הדעתן אויף זייערע אסיפות אין צדקה-גדולה באַשטימט אויף ח"י אלול תרע"ח (26-טן אַווגוסט 1918) אויסרופן אין גרויסער שול דעם חרם. וועגן חרם האָט מען שוין אין שטאָט לאַנג גערעדט און ביי די שמוכלער איז טאַקע געוואָרן צוליב דעם אַ שטיקל מהומה. די פרייע האָבן זיך כלומרשט אויסגעלאַכט, אָבער די פרומע האָבן טאַקע שטאַרק געציטערט און איבערהויפּט האָבן זיך געשראָקן די פרויען. מאָנטאָג ח"י אלול זיינען אויפן שולהויף אָנגעקלעפּט געוואָרן מודעות פון די רבנים, אַז 6 אַ זייגער נאָך מנחה, וועט מען אין שול אויסרופן דעם חרם און ס'איז אָנגעלאָפן אַ גרויסער עולם מענטשן. אַ סך זיינען געקומען גלאַט אויפן וואונדער אַ קוק טאָן, ווי עס זעט אויס דער „חרם". די אָרימעלייט, אָבער, זיינען טאַקע געקומען מיט פאַרביטערטע הערצער, ווי עפּעס נעמען נקמה פון די שמוכלער, פון די רוצחים. זיי האָבן פון דעם אגב ערוואַרט אַ גאַנצע ישועה, טאָמער וועט טאַקע וועלוועלער ווערן ברויט, נאָר די דייטשן האָבן פּלוצלונג פאַרצאַמט אַלע וועגן, וואָס פירן צום שולהויף און מען האָט כמעט קיינעם אַהינצו ניט אַריינגעלאָזן; מחמת דעם איז דער „חרם" פאָרגעקומען ביי אַ קליינעם עולם (וועלכע האָבן זיך מקדים געווען פאַר די דייטשן) און ער האָט אַ ביסל אָנגעוואָרן זיין פייערלעכקייט, דאָך איז ער אַרויסגעקומען גענוג אימהדיק. אין שול האָבן זיך אָנגעצונדן די ליכט, אין מזרח זיינען געשטאַנען אַלע רבנים מיט זייער ערנסטע אומעטיקע פנימער, דער אָרון-קודש האָט זיך געעפנט און ס'זיינען אַרויס דריי אלטע גרייזגרויע רבנים מיט פּאַטריאַרכאַלישע פנימער און ווייסע בערד. זיי האָבן גענומען ספרי-תורות אין די הענט און דער אַלטער גרייזגרויער לוקישקער רב, אָנגעטאָן אין אַ ווייסן קיטל מיט אַ טלית, האָט קרעכצנדיק אָנגעהויבן זאָגן פריער תוכחה דעם עולם, אַז צוליב ניט-פרומקייט און וואָס מ'היט ניט קיין שבת און קיין צניעות, מען לערנט ניט קיין תורה און מען שטיצט ניט די אָרימע מענטשן, האָט דער אייבערשטער אָנגעשיקט די מלחמה מיט אַלע צרות. דערנאָך האָט ער גערעדט וועגן „חרם" און די שטראָף וואָס עס קומט אויף דעם, וואָס איז עובר אויפן חרם, און צולעצט האָט ער מיט אַ ביטערער ציטערדיקער שטימע געזאָגט: „שווער, זייער שווער איז אונז געווען אויסצורופן דעם חרם, מיט וועלכן מ'האָט זיך שוין כמעט פון גאונס צייטן אָן ניט באַנוצט; נאָר די אומשולדיקע בלוט פון די אָרימע האָט אונז ניט געלאָזט רוען". דאָ האָט מיטאַמאָל אויסגעבראָכן אַ פאַרשטיקט געוויין פון עלנטע יתומים, וואָס זייערע עלטערן זיינען אויסגעשטאָרבן פאַר דער צייט, פון אומגליקלעכע עלטערן, וואָס זייערע עופעלעך זיינען אויסגעגאַנגען פון הונגער, און עס האָט זיך עפּעס געדוכט, ווי די אַלע אומשולדיקע נשמות שוועבן איצט אין שול אַרום. עס האָט זיך געדוכט, ווי די פלעמלעך פון די שוואַרצע ליכט צאַנקען אַזוי פינסטער אומעטיק, און בשעת דער אַלטער רב האָט מיט זיין ציטערדיקער שטימע געדונערט די קללות פון חרם, האָט דער ווידערקול אָפּגעקלונגען שרעקלעך גרויזאַם אין דער פּוסטער שול און די אָרימע און די הונגעריקע זיינען געשטאַנען מיט פאַרקריצטע ציין פון כעס און מיט גלאַנציקע אויגן פול מיט צאָרן אויף זייערע רוצחים, און די שמוכלער, וואָס האָבן געהאַט טאַקע אויף זייער געוויסן דאָס אומשולדיקע בלוט, האָבן זיך טאַקע דערשראָקן. ס'האָט זיי געטרייסלט אַ צאָן אָן אַ צאָן און איינער האָט דאָרט גופא געחלשט...

דאָס איז דער נוסח פון חרם:

## סדר החרם אשר הוכרז בביהכנ"ס הגדול דק"ק ווילנא ביום ב' ח"י אלול תרע"ח במעמד רבני העיר וקהל גדול.

**שעה 6 לאחר תפלת המנחה. הנרות הדלקו. שלשה רבנים זקנים עלו אצל ארון הקודש. הרב הזקן שבהם לבש קיטל וטלית. בדברים קצרים הודיע להעם הסיבה אשר הכריחה להטיל חרם גדול כזה, והבין להם גודל עון העובר על החרם והעונש הצפוי לו ולכל משפחתו. דלתות ארון הקדש נפתחו. הרב הנ"ל התחיל בקול רועד לקרוא את נוסח החרם הלז:**

בגזירת עירין ובמאמר קדישין אנו מחרימים ומשביעים על דעת בית דין, רבני ווילנא בחרם שהחרים יהושע את יריחו ובקללה שקלל אלישע את גחזי נערו ובכל החרמות והאלות שנעשו מימות משה רבנו ועד עכשיו את כל בן ישראל או בת ישראל אשר יוציא מפה ווילנא ומכל המגרשים הנמצאים בתחום ווילנא למקום אחר לשם מסחר:

א) דגן הנקרא קארין.
ב) שעורים.
} הן בגרעינין הן בקמח והן בגריסין (גרויפין)

ג) תפוחי אדמה—בולבעס.

האיסור הוא על כל המינים הנ"ל הנמצאים בווילנא ואשר יביאו לפה הן בעגלות והן על מסילת הברזל ואפילו לא יוליכו אותם לעיר רק אם אך נשלחה הסחורה לס"ט ווילנא אסור להוציאה מכאן למקום אחר, הן על מסה"ב הן ע"י עגלות. והחרם חל הן על הסוחרים המוציאים מכאן המינים הנ"ל לשם מסחר והן על המסייעים אתם בהוצאה הלז הן הסוכנים הקונים עבורם הן המוכרים להם או לשלוחיהם או לשלוחי שלוחיהם אם הם יודעים כי הקניה היא ע"מ להוציאה מכאן, הן בעלי עגלות המובילים, האטפראוויטעלעס ויתר המסייעים בזה הן ע"י עצמם והן ע"י שלוחם ואפילו ע"י שלוחים א"י. ועל כל האנשים, הן יושבי עירנו הן הבאים לפה מעיר אחרת, את אשר ישנו פה ואת אשר איננו פה, וכל מי שיעבור על גזירתנו הנ"ל הוא פורץ גדר וישכנו נחש. ארור הוא לד' וארור הוא בכל אשר יפנה, יהי דרכו חושך וחלקלקות, ומלאך ד' רודפו, לא יאבה ד' סלוח לו כי אז יעשן אף ד' וקנאתו באיש ההוא ורבצה בו כל האלה הכתובה בספר התורה.

בגזירת עירין ובמאמר קדישין על דעת המקום ועל דעת בית דין רבני ווילנא גיבין מיר א שבועה און מיר לייגען אריין אין חרם מיט דעם זעלבינען חרם ווי יהושע האט מחרים גיווען די שטאט יריחו און מיט דיא קללה וואס אלישע האט גישאלטין זיין משרת גחזי און מיט אללע חרמות וקללות וואס זיינען גי-מאכט גיווארען פון משה רבנו ביז היינטיגען טאג — די אללע אידען מענער און פרויען וועלכע וועלין ארויס פיהרען, צו ליעב געשעפט, פון ווילנע מיט אלע פארשטעטלעך:

א) קארין
ב) גערשטין
} סיי קערנער סיי מעהל סיי גרויפען.

ג) בולבעס.

דער איסור פון ארויספיהר איז חל אויף די מינים הנ"ל וואס גיפינען זיך איצט אין ווילנא והן אויף די מינים הנ"ל וואס וועט אריין גיטראגין ווערין אדער וואס מען וועט ברייגנען הן אויף פורען והן מיטין באן אפילו די סחורה ווערט ניט אריין גיפירט אין שטאדט נור ווען די סחורה איז גיווען געשיקט פון ארט אויף סטאנציע ווילנא טאר שוין ווייטער דיא סחורה ניט געשיקט ווערין ניט אויפן באהן און ניט אויף פוהרן.—דער חרם איז חל סיי אויף די סוחרים און סיי אויף זייערע מיטהעלפער. אויף די אויפקויפער, די פארקויפער, וועלכע פארקויפען זיי אליין אדער זייערע אגענטין, ווען זיי ווייסין דאס מען קויפט עס אויף ארויס צו פירען, אויך אויף די פורמאנעס וועלכע פיהרען אזעלכע סחורה און די אטפראוויטעלעס; סיי זייא טוען די ארבייט אליין סיי ווען זייא שיקין שלוחים אפילו ניט קיין אידען. דער חרם איז חל אויף אללע אידען סיי היגע סיי ניט היגע סיי די וואס געפינען זיך דא, סיי די וועלכע געפינען זיך יעצט ניט אין שטאדט.—און דער וואס וועט עובר זיין אויף אונזער גזירה איז א פורץ גדר וישכנו נחש און איז פארשאלטין פון ג', פארשאלטין אין אללע זיינע וועגין. ג' וועט איהם קיין מאל ניט מוחל זיין און ג' צארין וועט שטענדיג אויף איהם רוהען.—

**ואח"כ סיים הרב המכריז בזה"ל:**

**ואתם הדבקים בד' אלהיכם חיים כולכם היום. ומי שברך אבותינו אברהם יצחק ויעקב הוא יברך את כל הקהל הקדוש הזה עם כל קהילות הקדש לבד מי שיעבור על החרם הזה — והמקום ברחמיו ישמרם ויצילם מכל צרה וצוקה מכל נגע ומחלה וישלח ברכה והצלחה בכל מעשי ידיהם ויכתבו ויחתמו לחיים טובים ביום הדין הבא עלינו לטובה וכן יהי רצון, ונאמר אמן.**

**כל העם ענו אמן בקול רם. ואח"כ תקעו בשופר תשר"ת. הנרות נכבו...**

דער אַלטער רב האָט געענדיקט לייענען און דעם „אמן" נאָכן חרם האָבן אַלע אויסגעשריען הויך מיטן גאַנצן האַרצן, נאָכדעם האָט מען שופר געבלאָזן און אין דעם קול פון שופר, וועלכער האָט זיך צעטראָגן איבער דער גאַנצער שול, האָט זיך עפּעס געהערט ווי אַ קרעכצן פון די הונגעריקע און די גוססדיקע און עס האָט דורכגענומען אַלעמען מיט אַ שרעקלעכן שוידער. נאָכן שופר בלאָזן האָט מען אויסגעלאָשן די ליכט, אָבער דער עולם איז נאָך אַלץ פון שול ניט אַוועק. טייל האָבן פראָסט מורא געהאַט אַרויסצוגיין פאַר דער מיליטער-פּאָליציי, מען זאָל נאָך זיי אויך ניט אַרעסטירן —, אַנדערע האָבן זיך גלאַט פאַרשמועסט, אַרומקלערנדיק די סיבות, פאַרוואָס די דייטשן האָבן פאַרצאַמט דעם שולהויף און אַרעסטירט עטלעכע מענטשן. אייניקע האָבן עס דערקלערט דערמיט, וואָס די שמוכלער האָבן אָנגעבעטן וועגן דעם די דייטשן; אַנדערע האָבן דערציילט וועגן דער אַנאָנימער פּראָקלאַמאַציע, וועלכע איז געווען אָנגעקלעפּט אין וויפיל גאַסן און אויפן שולהויף און איז געווען געשריבן אין זייער אַ שאַרפן נוסח, ווי עס איז צו זען פון אייניקע שטעלן אירע:

„ברידער! חברים! שוין מער ווי דריי יאָר, אַז מיר שרייען וועגן יקרות און הונגער און עס העלפט ניט, און עס וועט קיין מאָל גאָר ניט העלפן. עס קען נאָר דאַן קומען אַ סוף צו אונזערע יסורים, ווען די הויפּט-שמוכלערס קינ-דער וועלן בלייבן יתומים, און זייערע פרויען אלמנות! ווען איצט אין שניט-צייט איז דער יקרות אַזוי גרויס, היינט וואָס וועט שוין זיין שפּעטער? די שמוכלער דאַרפן וויסן, אַז זיי האָבן באַגראָבן אין ווילנע טויזנטער קרבנות און פול געמאַכט דעם בית-עולם! איצט דאַרף דער טויט זיך באַרואיקן מיטן אָנהומען פון די מלאכי-המותן אַליין! עס מוז אויסבּרעכן דער פאָלקס-צאָרן, די תוכחה מוז זיך אויף זיי אויסגיסן צוליב די יסורים און עינויים, וואָס זיי טוען אָן דעם אָרימען פאָלק. קומט אַלע ברידער מאָנטאָג אין שול אויף דער פאָלקס-פאַרזאַמלונג (אויפן „חרם") קיינער טאָר ניט פעלן".

ווי עס ווייזט אויס, האָט טאַקע די מאַכט מורא געהאַט, טאָמער קענען נאָך ביים „חרם" אויסבּרעכן אומרוען און זי האָט דעריבער פאַרצאַמט אַלע וועגן, וואָס פירן צום שולהויף.

און הגם דער „חרם" איז אויסגערופן געוואָרן ביי אַ קליינעם עולם, האָט ער דאָך שטאַרק געווירקט. אַזוי, למשל, האָט איינער אַ שמוכלער אויסגעטרונקען אַ דאָזע סולעמאַ און דער ראַבינאַט האָט געמוזט אַנאָנים, ניט אָפּיציעל, מעלדן אין דער פּרעסע, אַז דער „חרם" איז ניט חל אויף די עבֿרדיקע חטאים, נאָר אויף די להבאדיקע עבירות. און דער מקח אויף ברויט איז טאַקע תיכּף געפאַלן פון 90 ק. אויף 60 ק. און עס האָט אַזוי געהאַלטן ביז איבער ימים נוראים. דערצו נאָך האָט געהאָלפן, וואָס כמעט תיכּף נאָכן „חרם" זיינען אייניקע הויפּט-שמוכלער פּלוצלונג געשטאָרבן. כאַראַקטעריסטיש פאַר דער שטימונג פון יענע טעג איז אויך דער דאָזיקער פאַקט: ווען די פאָרשטייער פון די צדקה-אַנשטאַלטן האָבן גענומען ביי די פאַמיליעס פון די שמוכלער „אתנן זונה ומחיר כלב" און זיי געשיקט פול אין אַלע צייטונגען טרייסט-אַנאָנסן, האָט דאָס פאָלק דערויף רעאַגירט אויף אַ באַזונדערן אופן. אויפן שולהויף און אין קלויזן האָבן זיך באַוויזן גאָר אַנדערע מודעות מיט שוואַרצע ראַמען מיט אַזאַ נוסח: „זה היאָר-צייט של השמוכלער ימ"ש" א. אז. וו. און אין צעטל פון די נפטרים

האָבן זיי אויך אריינגערעכנט פיל נעמען פון די לעבעדיקע שמוכלער און געענדיקט: „ימ״ש אמן!״

אָבער נאָך אַלעמען, האָט דער „חרם״, ווי איך האָב שוין געהאַט דערמאָנט, מער ניט געווירקט ווי איבער ימים=נוראים; דערנאָך האָט מען ווידער גענומען אַרויספירן תבואה פון שטאָט, דערצו נאָך איז צוגעקומען נאָך אַ צרה—פון די „געהיימע ברייזלעך״. זיי האָבן זיך פאַרמערט אָן אַ שיעור, הגם זיי זיינען געווען שטרענג פאַרווערט פון דער מאַכט; וואָרים די ברייזל=טרייבער האָבן געהאַט גוטע שותפים, גוטע באַשיצער—די פּאָליציי, די „פעלערינעס״ אַליין, וועלכע פלעגן נעמען מאָנאַטלעך טויזנטער שוחד.

די ברייזלעך פלעגן אויפעסן אַ וואָך מער ווי צוויי טויזנט פוד מעל, און דער יקרות איז ווייטער אַלץ מערער און גרעסער געשטיגן. דאַן איז געווען אַ צייט פון גרויסע געשעענישן. דייטשלאַנד האָט שוין געבעטן וואָפנשטילשטאַנד און צוליב דעם זיינען די פרייזן אַפילו עטוואָס געפאַלן, אָבער אויף מאָרגן האָבן זיי זיך שוין משונהדיק געהויבן; די ספעקולאַנטן, מיינענדיק, אַז מיטן שלום וועט שוין נעמען אַ סוף צו זייערע ספעקולאַציעס, האָבן זיך גענומען צו זייער שיינער אַרבעט מיט נאָך מער חוצפּה און אימפּעט. עס איז ווידער אַוועק אַ מוראדיקע ספעקולאַציע מיט פעקלעך, מיט באָנעס, מיט זאַלץ, מיט צוקער און בכלל מיט לעבנסמיטלען. דאַן זיינען דורך ווילנע דורכגעגאַנגען איבער הונדערט טויזנט קריגס=געפאַנגענע, צוריקוואַנדערער, און דאָס איז פאַר די שמוכלער אויך געווען אַ גוטער אויסרייד צו הייבן די פרייזן.

די געשעענישן זיינען זיך דערווייל שנעל געלאָפן. ווילהעלם איז אַראָפּ, און דעם 11 נאָוועמבער איז שוין דייטשלאַנד געוואָרן אַ רעפּובליק. אין ווילנע האָט זיך גלייך געגרינדעט אַ „סאָלדאַטן=ראַט״. מען האָט עפּעס פרייער אָפּגעעטעמט.

פאַר דערזעלבער פעלערינע, אָדער מיליטער=פּאָליציי, וועלכע מען האָט פריער אויסגעמיטן און אַנטלאָפן פון זיי ווי פון אַ חיה רעה, האָט מען איצט זיך שוין ווייניק געשראָקן. דער שלאַנג האָט שוין אָנגעוואָרן זיין גיפט. אָבער פון דער אַנדער זייט איז דאָך דאַן אין ווילנע געוואָרן אומרואיק צווישן דער יידישער באַפעלקערונג; אין שטאָט זיינען געגאַנגען קלאַנגען וועגן אַ איבערקערעניש וואָס די פּאָליאַקן גרייטן צו און מ׳האָט מורא געהאַט פאַר אַ פּאָגראָם. און אין רעכטן טומל פון די אַלע געשעענישן האָבן די שמוכלעו גאָר מאָנאָפּאָליזירט אַלע מילן און פאַרקויפט דעם גאַנצן קאָרן די געהיימע ברייזלעך, ווי אויך די בעקער אויף די פרייזן, וועלכע זיי האָבן דיקטירט. צווישן דעם עולם און אין דער פרעסע איז געוואָרן אַ גרויסער רעש און אין אַלע קלויזן האָט דאָס פאָלק ווייטער געפאָדערט פון די רבנים אויסרופן דעם חרם אויף די ברייזלעך. די רבנים זיינען געווען גרייט עס צו טאָן, נאָר די בע״ב פון די ברייזלעך האָבן געמאַכט אין „צדקה=גדולה״ אסיפות נאָך אסיפות און אַיינגערעדט די רבנים, אַז פון זייערע רווחים וועלן זיי עפּענען בעקערייען אויף זייער אייגענעם חשבון און פאַרקויפן ברויט פאַר די אָרימע אויף אַ ביליגן פרייז. אָבער אויף די אסיפות פון די פאָרשטייער פון די קלויזן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין דער שטאָטישער תלמוד=תורה, האָט מען פה=אחד אָפּגעוואָרפן די גזלנישע טובות פון די ברייזל=טרייבער און באַשלאָסן, אַז דער חרם מוז אויסגערופן ווערן און דעם חרם אויף די ברייזלעך האָט מען טאַקע סוף=כל=סוף אויסגערופן כ״ב כסלו תרע״ט (דעם 26 נאָוועמבער 1918).

דאָס איז זיין נוסח:

**סדר החרם אשר הוכרז בביהכנ״ס הגדול דק״ק ווילנא ביום ג׳ ב״ך כסלו תרע״ט במעמד רבני העיר וקהל גדול, על המחזיקים בתי עשיית י״ש, הסוחרים והמסייעים להם.—גם על אוצרי פירות ומפקיעי שערים בדברים שיש בהם משום חיי נפש.**

---

**שעה 3 לאחר תפילת המנחה. ביהכנ״ס הגדול מלא אנשים (ונשים בעזרת הנשים) מפה על פה ועומדים צפופים. שלשה רבנים עלו אצל ארון הקודש. הרב הזקן שבהם לבש קיטל וטלית. בדברים קצרים הודיע להם הסיבה אשר הכריחה להטיל חרם חמור כזה. דלתות ארון הקודש נפתחו. שני הרבנים עמדו אצל הרב הנ״ל מימינו ומשמאלו וספרי תורה בידיהם. הרב התחיל בקול רועד לקרוא את נוסח החרם הלז:**

בגזרת עירין ובמאמר קדישין אנו מחרימין ומנדין על דעת המקום ועל דעת בית-דין רבני ווילנא בחרם שהחרים יהושע את יריחו ובקללה שקלל אלישע את גחזי נערו ובכל החרמות והאלות שנעשו מימות משה רבינו ועד עכשו את כל בן ובת ישראל אשר יתעסק מהיום והלאה בעסק עשיית יי״ש בעיר ווילנא ומגרשיה ותחומה והמסחר בהם וכל המסייעים אותם לזה.—ואנו מטילים אסור וחרם כי מהיום והלאה לא יהיה בעיר ווילנא ומגרשיה ותחומה לשום איש ישראל עסק משרפות יי״ש ואפילו בשותפות עם אינו יהודי. וכן אסור לכל איש ישראל להיות מסייע בעסק יי״ש אפילו אם בעל העסק הוא א״י,—היינו כי אסור להשכיר מקום לעשות או להחזיק שם יי״ש ואפילו המקומות שכבר השכירו לצורך זה או השוכר עושה שם יי״ש שלא מדעת בעל הבית על בעה״ב להשתדל בכל מאי דאפשר להוציא אותו משם. אסור לעשות או לתקן או למכור כלים לצורך עשיית יי״ש או להחזיק בהם יי״ש. אסור להיות שליח לקנות דגן, קמח ושארי מינים לצורך עשיית יי״ש וכן אסור לטחון דגן או למכור המינים הנ״ל לבעלי העסק או לשלוחיהם אם יודע כי הקניה היא לצורך זה. אסור להשכיר את עצמו להיות אומן—מעכאניקער או ווײנער — או משרת בדבר עשיית יי״ש— אסור להוביל המינים והכלים הנצרכים לעשית יי״ש וכן אסור להוביל היי״ש בעצמו ממקום למקום ובכלל אסור כל מני סיוע בעסק עשיית יי״ש ובמכירתו הן ע״י עצמו והן ע״י שלוחו אפילו על ידי שליח א״י ולא על ידי בירי דילי׳ בלי שום הוראת היתר בעלים כלל.—כל הדברים האלו אסורין אפי׳ אם בעל העסק בעצמו הוא א״י.—וכן אסור לקנות ולמכור יי״ש בווילנא, מגרשיה ותחומה לשם מסחר או להיות סרסור במקנה וקנין הלז ואפ׳ ביי״ש הנעשה בברייזלאך המובא ממקומות אחרים או הנעשים פה ע״י א״י.

והותנה כי היי״ש אשר כבר החלו כעת להתעסק בבשולן, מותר להתעסק

על דעת המקום ועל דעת בית דין רבני ווילנא, גיבן מיר א איסור און מיר לייגן אריין אין חרם, מיט דעם זעלביגן חרם ווי יהושע האָט מחרים גיווען די שטאָט יריחו און מיט די קללה וואָס אלישע האָט גישאָלטן זיין משרת גחזי און מיט אלע חרמות וקללות וואָס זיינען גיגעבן געוואָרן פון משה רבנו ביז היינטיגן טאָג, די אלע אידן, מענער און פרויען, וועלכע וועלן זיך פארנעמען אין ווילנא און די ווילנער פאָרשטעט און ווילנער תחום מיט פאבריצירן בראנפן אָדער האנדלען מיט די בראנפן, און אלע וואָס וועלן זיי העלפן דערצו—לכן טאָר קיינער ניט מהיום והלאה האלטן א ברייזל צו מאכן בראנפן אין ווילנא און די פאָרשטעט און אין תחום, אפילו בשותפות מיט איין אינו יהודי און קיינער טאָר ניט צוהעלפן צום עסק אפילו דעם עסק האלט אינו יהודי. היינו: מי טאָר ניט פארדינגען קיין אָרט אויף צו מאכן אָדער האלטן בראנפן, די שוין פארדונגענע ערטער אויף ברייזלאך אָדער ווען דער שכן האָט געמאכט א ברייזל אָן דעם בעל-הבית ידיעה, איז א חוב אויף דעם בעל-הבית מיט וואָס פאר עצות ער קען, אים ארויס צוווארפן פון די דירה.—מען טאָר ניט מאכן אָדער פאריכטן אָדער פארקויפן כלים אויף צומאכן אין ווילנא בראנפן.—מען טאָר ניט אופקייפן ביטריידע אָדער אנדערע מינים אום צו פארברויכן דאָס אויף בראנפן פאבריקאציע.—מען טאָר ניט מאָלן קיין קאָרן און ניט פארקויפן קיין שום זאך ניט זיי ניט זייערע שלוחים אויב מען ווייס אז מען קויפט דאָס אף בראנפן. — מעכאניקער אָדער ווײנער אָדער אזוי משרתים טאָרן זיך ניט פארדינגען צו פאבריצירן בראנפן. — מען טאָר ניט פירן אין ברייזל קיין כלים אָדער פראָדוקטן צום בראנפן פערברויך אָדער פירן די בראנפן אליין, און בכלל איז אסור וועלכע עס איז הילפע צו דעם עסק, סיי ער אליין סיי זיינער א שליח אפילו דורך א שליח אינו יהודי טאָר ער קיין גרם ניט זיין אָן שום היתר כלל וכלל.—די אלע זאכן איז אָסור אפילו ווען דעם עסק האלט א אינו יהודי.—אויך איז פארבאָטן צו האנדלען, צו קויפן און פארקויפן צוליב געשעפט בראנפן אין ווילנא, די פאָרשטעט און אין תחום, אָדער זיין א מעקלער דערביי, אפילו די בראנפן איז ניט פון היגע ברייזלאך אָדער היגע ניט אידישע ברייזלאך.

די זאכן וואָס איז איצט שוין פארריבן גיוואָרן, מעג מען אויסצאַ=

בהם עד גמר מלאכתן אבל לא יאוחר מיום א׳ פ׳ מקץ כ״ז כסלו הבע״ל ועד בכלל.—וכן כל היי״ש הנמצא כעת אצל בעלי עסק היי״ש מכבר או היי״ש העומד כעת במלאכה וכן היי״ש הנמצא אצל הסוחרים הקונים מהם, מותר להם להתעסק במכירת היי״ש מאז במשך שני שבועות מהיום היינו עד יום ג׳ פ׳ ויגש ז׳ טבת ועד בכלל.

בעטן די בראַנפן, אָבער ניט שפּעטער ווי דעם קומענדיגן זונטאָג (פ׳ מקץ) פאַר נאַכט. — די גיבליבענע, ניט פאַרקויפטע בראַנפן וואָס געפינט זיך ביי די ברויער אָדער די בראַנפן וואָס וועט אַרויס פון די שוין פאַרריבענע זאַטאָרן אָדער וועלכע עס געפינט זיך ביי די אופקויפער, מעג מען זיי פאַרקויפן און מיט זיי האַנדלען ביז 2 וואָכן צייט מהיום היינו ביז דינסטאָג פ׳ ויגש ז׳ טבת פאַרנאַכט.

**דער חרם איז חל אויך אויף אַלע הענדלער פון וועלכע עס איז עסנוואַרג: קאָרן, מעל וכדומה, אַז מען טאָר ניט מאַכן קיין סינדיקאַט, אַיד אחת, מיט דעם צוועק אויפצוהויבן די מקחים, און אויב עס איז דאָ וועלכער עס איז סינדיקאַט ביז איצט, מוז מען אים גלייך מבטל זיין.**

דאַסמאָל האָט זיך שוין פּאָליציי ניט געמישט; דער „סאָלדאַטן־ראַט" האָט געגעבן זיין ערלויבעניש, און די גרויסע שול מיטן עזרת־נשים זיינען געווען פול געפּאַקט מיט אַ המון מאַנסביל און פרויען; אויך דער שולהויף מיט די אַרומיקע גאַסן זיינען געווען פול מיט מענטשן. דעם „חרם" האָט מען אויסגערופן זייער פייערלעך, און ער האָט געמאַכט דעם שטאַרקסטן רושם.

ביים חרם־אויסרופן זיינען אויך געווען די בע״ב פון די ברייזלעך און כאַראַקטעריסטיש, אַז ווען ס׳איז געקומען צום שופר־בלאָזן, האָבן זיי אַלע אויסגעשריען ווי מיט איין קול: „האַלט! האַלט!" איינער פון זיי איז גאָר געפאַלן אין חלשות; דער גאַנצער המון האָט אָבער ניט געלאָזן אָפּהאַלטן און מען האָט אויף זיי אויסגעגאָסן די גאַנצע תּוכחה. ס׳האָבן זיך געפונען זייניקע פון המון, וואָס האָבן זיי ניט געקאַרגט אַפילו אַ מתנת־יד און זיי זיינען אַרויס קוים מיטן לעבן.

נאָכן חרם איז טאַקע געוואָרן ברויט אַ ביסל וועלוועלער אָבער די בע״ב פון די ברייזלעך האָבן ווייטער געמאַכט אסיפות נאָך אסיפות און געטענהט, אַז די ברייזלעך גיבן אַ פילע יידן פּרנסה און אויב מען וועט ניט אַראָפּנעמען דעם חרם, וועט די דאָזיקע פּרנסה אַריינפאַלן אין ניט־יידישע הענט.

אין דער צייט האָבן זיך שוין די דייטשן שטאַרק עוואַקוּאירט און האָבן פון שטאָט אַרויסגעפירט וואָס ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט אָדער געמאַכט שותּפות מיט די שמוכלער און אַלץ זיי פאַרהאַנדלט. דער יקרות האָט זיך ווידער געשטאַרקט, ניט קוקנדיק אויף דער פאַראָרדענונג פון דעם אַרבעטער־ראַט קעגן אויפשרויפן די פּרייזן.

אין שטאָט איז געוואָרן ממש אַ הונגער און ס׳זיינען ווייטער געווען געוויינען. דאַן האָבן די קיכן און די קאָאָפּעראַטיוון באַשלאָסן צו פאַרקויפן אַ פונט ברויט אויף אַ נפש צום פּרייז פון 50 קאָפּ. אויף אַ משך פון אַ וואָך צייט פון דעם 31 דעצעמבער אָן. אין שטאָט האָט געהערשט אַ פּאָגראָם־שטימונג. אָרטיקע לעגיאָנערן האָבן איבערגענומען די מאַכט. דעם 2 יאַנואַר 1919 איז אַרויס אַ מודעה פון גענעראַל מאָקושעצקי, אַז די שטאָט איז אַריבער אין פּוילישע הענט.

די דייטשע אָקופּאַציע מיט איר גרויזאַמן הונגער פאַר דער אָרימער באַפעלקערונג האָט זיך געענדיקט, נאָכדעם ווי זי האָט די שטאָט אָפּגעהאַלטן אונטער איר יאָך דריי יאָר, דריי חדשים מיט 14 טעג.

.II

נאָך בשעת די דייטשן האָבן זיך געהאַלטן אין עוואַקואירן, האָט מען אין שטאָט זיך גערעכט אויף דער סאָוועטישער מאַכט, און די פּרייזן זיינען לכתחילה געפאַלן ביז 30 רובּ. אַ פוד מעל, אָבער דאָס האָט געדויערט נאָר אַ קורצע ווייל. קומענדיק אין באַרירונג מיט די סוחרים פון סאָוועטישן רוסלאַנד, האָבן די שמוכלער גאַנץ גוט געוואוסט, אַז די פּרייזן אויף סחורה זיינען דאָרטן משונה טייער, און ווי נאָר די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען ווילנע, איז די סחורה באַלד נעלם געוואָרן און עס איז געוואָרן ממש אַ הונגער, אַזוי ווייט, אַז דעם 8־טן יאַנואַר, אַ פּאַר טעג נאָך דעם אַריינמאַרש פון די באָלשעוויקעס, האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג אויף איר זיצונג געמוזט באַשליסן צו קויפן פּראָדוקטן פאַר די שטאָטישע בעקערייען און קיכן פאַר וועלכע פּרייזן עס וועט זיך נאָר לאָזן. די ספּעקולאַציע מיט עסנוואַרג איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז אין „רעווקאָם" האָט זיך תּיכּף געעפנט אַ באַזונדערע אָפּטיילונג צו באַקעמפן די ספּעקולאַציע, דערנאָך אויך אַ רעקוויזיציאָנס־קאָמיסיע. די לאַגע אין שטאָט איז געווען אַ שרעקלעכע. צוליב דער נאָענטקייט פון פראָנט, איז כמעט גאָר קיין סביבה ניט געווען; דערצו איז צוגעקומען די צרה מיט די קערענקעס. די פּויערים האָבן זיך צוגעוויינט צו די אָסט־מאַרקן, האָבן זיי אַפילו די צאַרישע אַסיגנאַציעס לכתחילה ניט געוואָלט נעמען און אַ פשיטא שוין די קערענקעס מיט די „דומע". נאָך מער פאַרשאַרפט דעם מצב האָט די רעקוויזיציע פון פערד און וואָגנס און דער פאַרבאָט פון פרייען אַריינפיר. דאָס אַלץ האָבן די פּויערים מיט די שמוכלער אויסגענוצט צו זייערע רויב־צוועקן און אין שטאָט האָט דער הונגער־טיפוס אָנגענומען אַן עפּידעמישן כאַראַקטער. די אַרבעטסלאָזיקייט איז געווען שרעקלעך גרויס, די קיכן פאַרמאַכט, אַ פונט ברויט האָט געקאָסט איבער צוויי רובּל. דאַן איז דער אָרגאַן פון דעם „בונד", „אונזער שטימע", אַרויס דעם 26־טן יאַנואַר מיט אַ שאַרפן אַרטיקל, אַז מען זאָל אַראָפּנעמען די גזרה, דעם פאַרבאָט פון פרייען אַריינפיר. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אַרויס אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן פאַרבאָט פון צוקער־געבעקס, אָבער דעם אָרגאַן האָט דאָס ווייניק־וואָס געהאָלפן. דערווייל איז די שטאָט געבליבן גאָר אָן ברויט, און אַז מ׳האָט ערגעץ־וואו אונטערן שטאָט יאָ געקראָגן, האָט מען געצאָלט דעם 30־טן יאַנואַר 3 רובּ. און אויף מאָרגן שוין 4 רובּ. עס האָבן אויך אויסגעפעלט די איבעריקע פּראָדוקטן, ווי: זאַלץ, צוקער, נאַפט; דערצו נאָך איז געווען זייער ביטער מיט קליינע געלט, ווייל אַרויסקריגן אויסגאָב פון אַ צוואַנציק אָדער פערציק־רובלדיקער קערענקע האָט מען בשום אופן ניט געקענט, אויב מ׳האָט שוין אַפילו יאָ גענומען די קערענקע פאַר העלפט געלט. ס׳איז אַפילו אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז פאַר ניט נעמען קערענקעס און ספּעקולאַציע מיט צאַרישע וועט מען שטרענג באַשטראָפן, איז אָבער צוליב דעם געוואָרן נאָך ערגער: די קרעמער האָבן גאָרניט געוואָלט פאַרקויפן. דער טומל פון דער פּרעסע האָט דאָך געהאָלפן, און דעם 2־טן פעברואַר איז אַרויס אַ־אַ באַקאַנטמאַכונג: אַזוי ווי לעבנסמיטל איז דאָ אין די שטאָטישע סקלאַדן ניט מער ווי 20 טויזנט פוד קאָרענע מעל און טויזנט פוד ווייצענע מעל, וואָס דאָס קען קלעקן בלויז אויף 8 טעג, דעריבער 1) מוז יעדערער, וואָס האָט מער ווי 30 פונט קאַרטאָפל, 20 פונט מעל, גרויפּנס, 5 פונט פלייש, פיש, און צו איין פונט פעטס, צוקער, טיי, זאַלץ אויף איין חודש, אָנמעלדן עס אין ברויט־ביוראָ; דער וואָס האָט דריי מאָל אַזוי פיל אויף דריי חדשים, מוז ער די איבעריקע פּראָדוקטן פאַרקויפן אויפן מאַרק אָדער אין דערנערונגס־קאָמיסאַריאַט, 2) עס ווערט ערלויבט פריי אַריינפירן אין שטאָט לעבנסמיטלען, און עס ווערט שטרענג פאַרווערט צו רעקווירירן זיי; 3) אַלע פאָלקסקיכן גייען אַריבער אין רשות פון אַרבעטער־ראַט, און אַ פּאָרציע זופּ

וועט קאָסטן 15 קאָפּ. מיט אַ נאָרמע פון 4 לויט גרויפּן 5 מאָל אין וואָך און 2 מאָל אין וואָך — דריי פערטל פונט ברוטשקע. דאָס האָט אַ ביסל געווירקט און דער פּרייז אויף ברויט איז געפאַלן ביז 2 רוב. אָבער ווידער ניט אויף לאַנג. די זאַפּאַסן זיינען געוואָרן אַלץ וויניקער און וויניקער, אַזוי אַז דעם 20־טן פעברואַר איז דער אַרבעטער־ראַט געווען געניטיקט צו פאַרעפנטלעכן אַן אויפרוף מיט אַזאַ נוסח (פאַרקירצט):

„חברים און בירגער! דער שווערער פּעריאָד פון דער דריי־יאָריקער דייטשער אָקופּאַציע אין אונזער קאַנט האָט אונז איבער־געלאָזן אַ ירושה פון פאַרניכטעטע שטעט און דערפער, פאַר־וואָרכענע פעלדער, פאַרמאַכטע פאַבריקן און זאַוואָדן, אויסגע־ליידיקטע סקלאַדן און צעבראָכענע וועגן. די אָקופּאַציע און די פאַרברעכערישע ספּעקולאַציע האָבן געטאָן זייערס, און דער סאָ־וועטישער רעגירונג איז גענוג שווער אָנגעקומען, כדי צו איינהיטן דעם „כאַאָק" אין משך פון 7 וואָכן. איצטער צוליב דעם צעשע־דיקטן טראַנספּאָרט האָט זיך דער צופיר פון לעבנסמיטל פאַר־קלענערט אַזוי, אַז מיר זיינען געצוואונגען דעם ראַציאָן ברויט צו פאַרקלענערן ביז אויף אַ העלפט. און מיר רופן אייך, חברים, צו רו און אָרדענונג אין פולן גלויבן אין דעם, אַז אין דער נאָ־ענטסטער צייט וועט די באַפעלקערונג זיין אינגאַנצן באַזאָרגט מיט לעבנסמיטל".

צוזאַמען מיט דעם האָט דער קאָמיסאַר פאַר אינווייניקסטע ענינים פונאַנדערגעשיקט אין אַלע סאָוועטן פון די אויעזדן און וואָלאָסטן און אין די רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן צירקולאַרן, תיכף אַראָפּצונעמען דעם פאַרבאָט וואָס די אויעזד־רעווקאָמען האָבן אַרויסגעגעבן, אַז מען טאָר פון דאָרטן קיין זאַך ניט אַרויספירן. דער אַרבעטער־ראַט האָט אויך אַרויסגעלאָזן אַ באַ־קאַנטמאַכונג, אַז אַלע פורן פון די דערפער, וואָס ברענגען פּראָ־דוקטן, טאָרן ניט רעקווירירט ווערן. דעם 25־טן פעברואַר האָט מען פאַראָרדנט רעוויזיעס אין די הייזער אויף די ניט אָנגעמאָל־דענע זאַפּאַסן. מ'האָט אויך אין יענעם טאָג פאַרחתמעט די מאַנו־פאַקטור־גאַלאַנטעריי־און שוך־געשעפטן און אין שטאָט איז געווען אַן אמתער יום־כיפור, אַ חורבן; די איבעריקע קרעמער האָבן פאַר מורא זייערע קראָמען אויך ניט געעפנט. די רעוויזיעס זיינען גע־ווען גראָר אין די אָרימע יידישע קוואַרטאַלן און מ'האָט רעקווי־זירט גאָר אָן רחמנות, אפילו אַ פּאָר צענדליק אייער, עטלעכע פונט מעל. בסך־הכל האָבן די רעקוויזיציעס איינגערעכט 700 פוד מעל; פונדעסטוועגן איז דער פּרייז דאָך געפאַלן פון 4 רובל ווידער אויף 2 רוב., אָבער אין עטלעכע טעג אַרום איז ווייטער געוואָרן 4 רובל, און וואָס אַ טאָג — אַלץ טייערער. אפילו פערד־פלייש איז אויך טייערער געוואָרן, ווייל דעם 26־טן פעברואַר איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז מען מעג קוילענען נאָר אַלטע פערד.

דעם 27־טן פעברואַר האָט מען אַרויסגעשיקט קאָמיסאַרן איינצוקויפן לעבנסמיטלען אין די קליינשטעטלעך און דער פרייער אַריינפיר איז ווייטער געוואָרן פאַרווערט, אָבער אפילו אָן פאַר־באָט וואָלט אויך קיינער ניט געבראַכט צוליב דער כסדרדיקער מאָביליזאַציע פון פערד און וועגן. ערשט דעם ערשטן מערץ איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג וועגן אַ „פּאַיאָק" מיט קאַטעגאָריעס, אָבער ברויט האָט מען ערשט געגעבן אין אַ פּאָר וואָכן אַרום.

אין שטאָט האָט געהערשט אַ מוראדיקער הונגער און אַר־בעטסלאָזיקייט. דער בונדישער אָרגאַן „אונזער שטימע" איז דעם 14־טן מערץ ווידער אַרויס מיט אַ שאַרפן אַרטיקל „אָן ברויט", וואו עס ווערט צווישן אַנדערן געזאָגט:

„די ערנערונגס־לאַגע אין ווילנע ווערט שאַרפער מיט יעדן טאָג: ווילנע איז אָן ברויט אין סאַמע פשוטסטן זין פון וואָרט... ווילנע, מיינט מען די אָרימע מאַסן. ביי זיי אין די הייזער, וואו



קיין זאַפּאַסן איז קיינמאָל ניט געווען, וואו מען לעבט כסדר פון „האַנט אין מויל", האָט זיך דער הונגער פעסט באַזעצט. פאַראַן פאַמיליעס, וואָס האָבן שוין עטלעכע טעג קיין פּיצל ברויט ניט אָנגעזעען. די גליקלעכע, וועמען עס האָט זיך שוין איינגעגעבן דורך עמיצנס אַ חסד צו קריגן עטלעכע פונט ברויט, האָבן צוליב דעם געדאַרפט לויפן איש אונטערן שטאָט און צאָלן 7—8 רובל אַ פונט מיט „צאַרישע" און וואָס פאַר אַ ברויט, אימשטיינס געזאָגט: גראָב, ניט אויסגעבאַקן, צוגעמישט מיט אַלערליי סוראָגאַטן. קיין געזעלשאַפטלעכע ערנערונג איז כמעט ניטאָ. און אין די פּאָר גע־זעלשאַפטלעכע קיכן איז מער ווי אַ ביסל הייס וואַסער מיט קרויט גאָרניט פאַראַן. צו וואָס קען דאָס אַלץ פירן, ווי וויט קען דער־גיין די שרעקלעכע לאַגע, אין וועלכער ווילנע געפינט זיך?... און עקסטרע מיטלען מוזן אָנגענומען ווערן, וואָרים אויב עס זאָל אַזוי ווייטער גיין, וועט אָן אַ ספק קומען צו אַ קאַטאַסטראָפע".

אין יענע שלעכטע צייטן האָט מען אפילו אונטער דער סאָוועטישער מאַכט אויסגעניצט די אַלטע מיטלען פון מאַכן געלט דורך חזנים און קאָנצערטן; אויפן שולהויף איז דאַן געווען אָנגע־קלעפּט אַ מודעה, אַז היות דער חזן הערשמאַן איז קראַנק געוואָרן פלוצלונג אויף טיפוס, דערום האָט זיך זיין דאַווענען פאַר די הונ־גערליידנדיקע פאַמיליעס אָפּגעלייגט, ביז ער וועט געזונט ווערן. נאָך אַ סך אַנדערע הערצרייסנדיק געשריבענע מודעות, האָט מען דאַן געקענט לייענען אויף די ווענט פון די קלויזן. איינע פון זיי ברענג איך דאָ:

ברידער! האָט רחמנות!

דער שרעקליכער גרויסער הונגער, האָט אונז בעוועגט עטוואָס צו טאָן צו שאַפּפען פאר די אומגליקליכע ברידער אונזערע. די לעצטע צייט, ווי עס איז בעוואוסט, האָט זיך איינגעגעבן יאָ עטוואָס צו טאָן און מען האָט צוטיילט שיינע עטליכע טויזינד פונט ברויט אויף ביליגע מקחים.

אָבער וואָס האָט דאָס פאַר אַ ווערט? וואָס קאָן דער הייפּעלע מעל ווירקען אף דעם גרויסען ים צרות? די ברויט—פראַגע קענען קיין גיציילטע מענשען ניט פאַרענטפערין, מיט איהר מוזען זיך פאַראינטערעסירין, די גרויסע מאַססען, די גאַנצע שטאָט, ווילנא, די אַלע צענדליגער טויזענדער וואַרימע יודישע הערצער מוזען גערירט ווערען פון דעם גרויסען צער און אָנטהייל נעמען אין דער גרויסער אַרבייט.

דער ביליגער ברויט-פאַרקויף, מוז געשאַפפען ווערען אין אַ גרויסע פאָרמע און דערצו מוזען מיר האָבען געלט-מיטלען גרויסע געלט-מיטלען און פיל אַרבייטער, וואַרעמע מיטאַרבייטער וואָס זאָהלען מיט פיהלען די גרויסע יסורים פון מאוים׳דיגען מאָמענט. מיר ווענדען זיך צו דער גרויסער הייליגער שטאָט ווילנא, מיר ווענדען זיך ערשטינס צו אַללע גבאים פון אַללע שוללען און בתי מדרשים בלא יוצא מן הכלל זיי זאָלען אף זיך נעמען די מצוה און טרחה אַז אין די קומענדיגע שבתים זאָל יעדער „עולה לתורה" זיך מנדב זיין לכל הפחות איין טאָג מיטאַרבייטען זיין איין מעשה יעדערער וואָס ער קאָן, איינער קלייבען געלט, דער צווייטער מיט העלפען, אין דער אַרבייט פון אָר־גאַניזירען די זאַך, ווי מען וועט געפינען פאַרנויטספּילען, די רשימות פון די אַלע מתנדבים צושטעלען צום שטאָט-מגיד (פּאָגוליאַנקע № 16 וואָהנונג 7), און דאָרטען וועט שוין די זאַך איינגעאָרדענט ווערען.

מיר ווענדען זיך צו אַלע אונזערע ברידער מיט דעם געשריי האָט רחמנות! דער יודישער רחמנות האָט שוין באַוויזען וואונדער, לאָמיר הייַנט אויך האָפען אַז מיט רחמנות וועלען מיר קענען עפּעס אויפטהאָן.

ברידער! דערמאָנט זיך אָן די צייטין וואָס מענשען זיינען אין ווילנא אף די גאַסען געשטאָרבען פון הונגער, זאָל זיך דער טרויעריגער פאַקט ניט איבערחזרין חלילה נאָך אַמאָהל, דערמאָנט זיך אָן דעם עלענד פון די קליינע קינדערלאַך און די יסורים פון די זקנים און קראַנקע און קומט אונז צו הילף מיט אַרבייט און מיט געלט, דערמאָנט זיך ווי טייער יודישע בלוט איז, און געדיינקט אַז יעדער פּרוטה דאַרף ראַטעווען מענשען, יעדער אַרבייט איז פּקוח נפשות ממש געדיינקט! און נעמענדיג זיך אַלע צוזאַמען, וועלען מיר עפּעס קענען טאָן פאַר אונזערע אומגליקליכע הונגעריגע ברידער, און השי״ת וועט אונז אַלעמען העלפען

בית-לחם, ווילנא.

דאַן איז געווען נאָך אַ צרה: די רויטע אַרמייער האָבן אויך גענוג געליטן הונגער, און פלעגן גיין שמעקן, נאָכשפּירן אין אַלע הייזער, וואו מען באַקט ברויט, אויך אין די קראָמען און אַליין

רעקוויזירן עסנוואַרג. דעם 18=טן מערץ איז אַפילו אַרויס אַ באַפעל, אַז מען טאָר אַליין ניט רעקוויזירן, נאָר עס האָט ווייניק וואָס געהאָלפן, און אַפילו פאַר 8 רובל צאַרישע איז שווער געווען צו קריגן אַ פונט ברויט. דער „פּאַיאָק" מיט די קאַטעגאָריעס איז אַרויסגעקומען ערשט סוף מערץ. דעם 8=טן אַפּריל איז אין „זוועזדאַ" אָפּגעדרוקט געווען אַן אָפענער בריוו צו מיצקעוויטש=קאַפּסוקאַס אין נאָמען פון די פוילישע אַרבעטער, אַז אויב ברויט יעט ניט וועלוועלער ווערן, קען קומען צו אַ פּאָגראָם.

## III.

עס איז אָנגעקומען דער פּסח 1919. דאָס לעצטע ביסל מעל, וואָס די אָרימע האָבן לויטנווייז אָנגעזאַמלט אויפן הייליקן יום=טוב, האָט מען צוגענומען בשעת די רעקוויזיציעס.

די שטאָט איז געווען אָפּגעצאַמט פון דער גאַנצער סביבה אַרום, מ'האָט ניט געלאָזן ניט אַרויספירן, ניט אַריינפירן. „צדקה=גדולה" האָט אַפילו נאָך גרויס מאַטערניש געפּועלט און אַרויסגעשיקט פאַר פּורים שלוחים אין קאָוונער און סובאַלקער גובערניעס נאָך מעל אויף מצה, נאָר זיי האָבן ווינציק=וואָס געבראַכט. פון האָלאַנד האָט מען אויך אַרויסגעשיקט מעל אויף פּסח, אָבער ס'איז געבליבן אין וועג, און אין שטאָט האָט געהאַלטן אַ פודל מצה טויזנט רובל, אַ פודל קאַרטאָפל 200 רובל. די אָרימע האָט מען געטיילט אַ פונט מצה און 6 רובל געלט פאַר אַ נפש אויף אַ גאַנץ פּסח, און דאָס האָט מער ניט געקלעקט אפשר פאַר אַ העלפט פאַררעגיסטרירטע. די איבעריקע זיינען געבליבן ביי די שטיקלעך פּאַפּירלעך, ביי די „באָנעס".

דער שטאָט=מגיד הרב מנחם קראַקאָווסקי איז אַפילו אַרויס דאַן מיט אַ געדרוקטן קול=קורא, וועלכער איז אויסגעקלעפּט געוואָרן אין אַלע קלויזן*), אָבער עס האָט ווינציק געהאָלפן און פיל אָרימע האָבן זיך געשפּייזט צו די סדרים מיט „רעטעכער", וואָס האָבן געקאָסט צו 6 רובל אַ שטיק, דעם „כלו מרור" האָבן זיי מקיים געווען טאַקע אויף אַן אמת.

אין קבֿרנישער שול דעם ערשטן טאָג פּסח אינדערפרי ביים דאַווגען, איז געווען אַן אמתער „יום=כיפור". אין „עזרת נשים" האָבן זיך די ווייבער פריער פונאַנדערגעטענהט, דערנאָך פונאַנדערגעוויינט אויפן קול און געשריען: „סטייטש? מען זאָל דאָס ניט האָבן פּסח צו די סדרים אַ „כזית מצה". איינע אַ פרוי האָט אויסגעבראָכן אין אַזאַ יאָמער און מיט אַזאַ קוויטש אויף דער העכסטער אָקטאַווע געשריען: מצה!... מצה!..., אַז אַלע מאַנסביל האָט עס גענומען ביים האַרצן און האָבן מיטגעוויינט. פאַר אַ סך פאַמיליעס זיינען די שבּיי,ער געווען דאַן זייערע קליינע קינדערלעך פון די קינדערהיימען. וואָרים די קינדערהיימען זיינען ווי עס איז געווען באַזאָרגט מיט מצה, פלעגן נעבעך די קליינע נפשותלעך עסן דאָרט מער ניט די זופּ און די ברעקלעך מצה געבראַכט אַהיים פאַרן טאַטן, מאַמען און די עלטערע שוועסטער און ברידער.

גליקלעך זיינען אויך געווען די צוגעשריבענע צו דער „ביליגער קיך". דאָרטן האָט מען אויך געקאָכט אַ גאַנץ פּסח. די איבעריקע אָרימע באַפעלקערונג האָט אָדער גאָר געפאַסט אָדער געשפּייזט זיך מיט רעטעך, ברוטשקע וכדומה.

חול=המועד פּסח זיינען געשטאַנען יידענעס און האָבן פאַרקויפט ביטערע זשוראַווינעס צו 50 קאָפּ. אַ קליין מעסטעלע, זויערע קוואַסעפּעלעך צו 3 רובל אַ פונט, ברוטשקע, ציטעפער-- צו 6 רובל אַ שטיק, בולבע=טייגעכץ — 18 רובל אַ פונט. דאָס זיינען געווען די מאכלים פון די אָרימע פּסח תרע"ט און ס'איז געקומען דאַן דערצו, אַז גאָר בעלי=בתּישע מענטשן האָבן נעבעך אַראָפּגעוואָרפן די חרפּה און גענומען קלאַפּן אין די טירן נאָך אַ ברעקל מצה, ראַטעווען זיך און די פאַמיליע פון הונגער=טויט.

---

שבת פאַרטאָג, דעם 19=טן אַפּריל, האָבן זיך אין ווילנע אַריינגעריסן די פוילישע לעגיאָנערן. כמעט דריי טעג איז אין די גאַסן פון דער שטאָט געגאַנגען די שלאַכט צווישן די פּאָליאַקן און די באָלשעוויקעס. דריי טעג האָט געדויערט דער גרויסער פּאָגראָם. מ'האָט בדלות געשטעלט די יידישע באַפעלקערונג אויף מיליאָנען. אַחוץ וואָס מ'האָט צעראַבירט הונדערטער פאַמיליעס, האָט מען אויך אויסגערויבט די יידישע קאָאָפּעראַטיוון, אינטערנאַטן, דעם „מושב=זקנים" א. אַנד. אויך נאָכדעם ווי דער פּאָגראָם האָט זיך איינגעשטילט, האָבן די יידישע קרעמער עטלעכע טעג מורא געהאַט צו עפענען זייערע געשעפטן, און דאָס האָט נאָך שאַרפער געמאַכט דעם הונגער און יקרות פון די שרעקלעכע איבערגאַנגסטעג. ערשט דעם ערשטן מאַי האָט דער נייער בורגערמייסטער ווי ט אָ ל ד אַ ב ראַ מ אָ וו י ט ש אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף, אַז דעם פּאָגראָם האָבן געמאַכט פּראָוואָקאַטאָרן, אַז מען דאַרף אַלץ פאַרגעסן און עפענען די קראָמען און לאָזן וואָלוול.

פאַרשטאַרקט דעם יקרות אין יענע טעג האָט אויך דער באָיקאָט קעגן יידן, וואָס איז דאַן אויסגעבראָכן. אַ סך דינסטן האָבן פאַרלאָזן זייערע יידישע הייזער און אַוועק. פויערטעס פלעג דערציילן, אַז טראָגנדיק קאַרטאָפל פון ליפּאָווקע, האָבן זיי לעגיאָנערן וויפיל מאָל אָפּגעשטעלט און אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן יידן ניט פאַרקויפן, אויך די גוים, אַז זיי האָבן געבראַכט האָלץ אויפן מאַרק, האָבן זיי יידן עס ניט געוואָלט פאַרקויפן. דערצו נאָך איז מען דאַן געווען אַזוי אָנגעשראָקן, אַז מ'האָט מורא געהאַט אויפן גאַס אַרויסצוגיין. און מ'איז געזעסן אין די הייזער און געהונגערט. דורך שניפּישקער בריק אַ פונט ברויט אָדער עטלעכע פונט קאַרטאָפל האָט מען דאַן ניט געלאָזן דורכטראָגן. די גאַסן זיינען געווען פוסט, די קראָמען פאַרמאַכט אַזוי, אַז אין אַ דריי וואָכן אַרום נאָכן פּאָגראָם איז יעדער אַרויס אַ שטרענגע באַקאַנטמאַכונג פון דער מאַכט, אַז דער, וואָס וועט ניט עפענען די קראָמען, וועט מען ביי אים די סחורה קאָנפיסקירן, און ער וועט באַשטראָפט ווערן מיט דריי חדשים טורמע אָדער 10 טויזנט מאַרק קנס. און ווען מ'האָט שוין אַפילו געעפנט די קראָמען האָט דער יקרות נאָך אויך דאַן ניט אויפגעהערט, עס האָט נאָך אַלץ געקאָסט 18 רוב. אַ פונט ברויט, 250 רוב. אַ פוד קאַרטאָפל און די אַרבעטסלאָזיקייט איז געווען שרעקלעך, ס'האָט זיך מוראדיק פאַרשפּרייט דער הונגער=טיפוס. אין יענער צייט זיינען די רבנים אויך אַרויס צום תענית חמשי (דעם 8=טן מאַי) מיט דער דאָזיקער געשריבענער מודעה, וועלכע איז געווען אָנגעקלעפּט אויפן שולהויף:

---

*) דאָס איז דער נוסח פון דעם קול-קורא:

אידן! פאַר געסט ניט אייערע עלענדע ברידער אין דעם הייליגען יו"ט.

מיר בעטן יעדערן, וואָס השי"ת האָט איהם געהאָלפען אז ער דאַרף חלילה ניט אָנקומען היינטיגען הייליגן יו"ט צו די הילף פון א צווייטן, אז ער זאָל זיך דערמאָנען אָן די אַלע עלענדע און פערביטערטע ברידער וואָס האָבען אף פּסח גאָרניט, און זאָל געבען ניט ווייניגער ווי 3 רובל צו קויפען ארבעס א. ד. ג., וועלכע מען וועט טיילען תוה"מ, פאַר די נעדריקסטע מענשען וכל המוסיף יוסיפו לו מן השמים.

יעדער נדבה איז ווי פּקוח נפש. עס איז א חוב אויף יעדען אידן, איבערהויפּט אָף די גבאים פון די בתּי מדרשים, שוהלען און קלויזען, צו נעמען א אנטהייל אין די מצוה פון זאַמלען די נדבות. אויסער דעם בעטען מיר יעדער עולה-לתורה אין די יו-ט-דיגע טעג מנדב זיין צו דעם הייליגען צוועק, דער גרויסער איצטיגער עלנד פאָדערט גרויסע הילף, ער פאָדערט וואָרימקייט פון דער גרויסער הייליגער אידישער הארץ, און מיר האָפען אז ביי ווילנער אידן וועלען מיר דאָס געפינען, בזכות דעם וועט אונז השי"ת העלפען.

די נדבות זאָל מען צו שיקען צום שטאָט מגיד (גרויס פּאָגוליאַנקע 16, וואָהנונג 7)

ועד בית-לחם, ווילנא.

## הודעה מהרבנים דקהלתנו.

מלבד פגעי המלחמה אשר רבות סבלנו בתוך יתר העמים עוד פגעה יד ד׳ בנו ביחוד וצרות רבות סבבונו, הות על הוה באו עלינו גזרות נוראות אשר לא ידעה עירנו מיום הוסדה ועד עתה, כמה נפשות נקיות נהרגו באכזריות חמה, כמה נתפסו על בלי עול בכפם, רכושנו היה לבז ובכלל היינו למכה ולחרפה לבז ולמשסה ואין אומר השב, צעקנו ואין מושיע לנו, ואין לנו להשען אלא על אבינו שבשמים.

ולכן מצאנו לעורר את יום החמישי דנא ליום תשובה ותפלה וצדקה, נקרא נא אל אלקינו למען יתעשת האלקים לנו ולא נאבד חו״ש.

ביום חמישי הבע״ל יתאספו הקהל בבתי כנסיות ומדרשות ויתפללו ברב עם תפלת שחרית, סליחות לתענית יום חמישי כנהוג, ואחר התפלה יאמרו מזמורי תהילים.

קדם המנחה יתאספו שנית לאמר תהילים ולהתפלל והעקר הוא הצדקה כי בימי רעבון ויוקר כאלו חייב כל אחד להשגיח על רעהו ושכני הקרוב לו לבל יפול ברעב חו״ש, וכל מי שיש לו עוד פת בסלו כל מיני מזון ומאכל מחויב הוא לחלק מזה לעניים העטופים ברעב בראש כל חוצות ואם אין לו יתן כסף מזומן למען החיות את נפשו, וידוע כי בשעה זו אין זה בגדר צדקה לבד כי אם הצלת נפשות ממש וכל המונע מזה נוטל את נפשו וד׳ יראה בענינו ויריב ריבנו ויגאלנו מהרה מכל צרותינו אמן.

דער תענית איז טאַקע אַרויסגעקומען זייער פייערלעך. דאָס רוב האָבן געפאַסט, און די תפילות זיינען געווען מיט אַזעלכע יאָמערלעכע געוויינען, אַז זיי האָבן געדאַרפט די הימלען שפּאַלטן, איבערהויפּט זיינען די געוויינען שרעקלעך געווען ביי די הזכרות נאָך די געפאַלענע עטלעכע און זעכציק קדושים. מיט אייניקע פרויען האָט געטראָפן אַ היסטערישער אָנפאַל און זייערע געשרייען זיינען געווען גרויזאַם. פיל האָבן זיך אויך אָפּגערופן מיט צדקה, אָבער דאָס איז געווען כטיפה מן הים און די נויט מיטן הונגער איז געווען כוראדיק.

די ווייסע „אַמעריקאַנער מעל" (ווי די יידן האָבן דאַן מיט אַ וויטאָגדיקן סאַרקאַזם געזאָגט, אַז די מעל איז צו פאַרווייסן דאָס רויטע פאַרגאָסענע בלוט), איז אויך געווען אַ קלייניקייט קעגן גרויסן יקרות און דער אַרבעטסלאָזיקייט.

הרב רובינשטיין, ד״ר וויגאָדסקי און ד״ר שאַבאַד האָבן דאַן זיך ממש מוסר נפש געווען פאַר די יידן, אומעטום און אין אַלע הינזיכטן צו לינדערן די נויט, אָבער דער פּאָגראָם און די ראַבירונגען האָבן אָנגעמאַכט אַזוינע גרויסע חורבונות, אַז ס׳האָט געמוזט אַ סך געדויערן, ביז וואַנען מ׳איז געקומען צו זיך.

דער הונגער איז געווען אַזוי גרויס, אַז די פּוילישע צייטונג „גאַש קראַי" אין נומער פון 13־טן מאַי האָט געפאָדערט פון דער שטאָטישער אָפּטיילונג, אַז מען זאָל אַרויסגעבן די מעל און ניט לאָזן וואַרטן ביז וואַנעט אַ העלפט פון דער באַפעלקערונג וועט אויסשטאַרבן פון הונגער. עס האָבן זיך שפּעטער געעפנט אפילו עלף קיכן פאַר 30 טויזנט נויטבאַדערפטיקע, אָבער די „עקן" זיינען געווען שרעקלעכע. אגב האָט אַ פּאָרציע געקאָסט 60 קאָפּ. און ביי דער הערשנדיקער אַרבעטסלאָזיקייט איז דאָס געווען אַ גרויסע מטבע. אויך די ספּעקולאַציע מיט די ברייזלעך האָט זיך אָנגעהויבן איבעראַנייס און אין „טאָג" פון 13־טן מאַי איז פאַרעפנטלעכט געווען אַ מודעה פון די רבנים, אַז דער חרם „איז בתקפו כתקף כל חרמי בית־דין". „מען איז אויך מחרים מיט אַ חרם גדול יעדערן, וואָס וועט קויפן געגנבעטע מעל אָדער אַנדערע פּראָדוקטן, וואָס עס ווערט געבראַכט פאַר דער שטאָטישער באַפעלקערונג; יעדער וואָס האָט אַ אָנטייל אין דעם, איז אויסער וואָס זיי מאַכן אָן דעם גרויזאַמען יקרות און הונגער, שטעלן זיי מיט זייערע פאַרברעכערישע מעשים די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין סכנה; די פאַרברעכער רעכענען זיך פאַר עוכרי ישראל. מיר האָפן, אַז אַזעלכע מענטשן וועלן זיך ביי אונז יידן ניט געפינען ולהשומעים יונעם ותבוא עליהם ברכות טוב".

דעם 6־טן יוני האָט די קהילה אפילו אַרויסגעשיקט שלוחים



קיין ליטע איינצוקויפן פּראָדוקטן, דערווייל אָבער, האָבן די קיכן זייערע ראַציאָנען רק פאַרקלענערט און פאַרקלענערט, אַזוי, אַז זיי זיינען געשטאַנען אין סכנה אין גאַנצן פאַרמאַכט צו ווערן. דעם 8־טן יוני האָט דער ווילנער בירגערמייסטער טעלעגראַפירט צום גענעראַל־קאָמיסאַר פאַר די מזרח־קאַנטן, אַז די זאַפּאַסן פון לעבנסמיטלען אין ווילנע האָבן זיך אויסגענומען, שוין דריטע וואָך, ווי די באַפעלקערונג באַקומט גאָרניט אויף די קאַרטן, בעט ער, אַז מען זאָל וואָס גיכער אַרויסשיקן מעל, פעטס און צוקער; עס איז שוין געקומען אַזוי ווייט, אַז דער „מושב זקנים" האָט אויך געהאַלטן ביי פאַרמאַכן זיך, און אויפן שולהויף האָבן זיך באַוויזן האַרצרייסנדיקע מודעות, וואו די אַלטע בעטן, אַז מען זאָל וו ס עס איז ברענגען צום עסן. אויך די יתומים־הייזער זיינען געווען אין אַ שרעקלעכער לאַגע. די יתומים האָט מען געגעבן אינגאַנצן צו 6 לויט ברויט אַ טאָג מיט אַ ביסל שניצל־זופּ און זיי האָבן שרעקלעך געהונגערט.

דעם 18־טן יוני האָט די קהילה איינגעאָרדנט אַ זאַמלטאָג און אַרויסגעלאָזן אַזאַ אויפרוף:

„יידן פון ווילנע!

„די ווילנער יידישע קהילה האָט באַשטימט אַ זאַמלטאָג אויף כ׳ סיון (מיטוואָך 18 יוני).

„כ׳ סיון איז דער היסטאָרישער יאָרצייט פון דעם חורבן פון פיל יידישע קהילות, וואָס איז געשען מיט 270 יאָר צוריק אין אוקראַינע (גזרות ת״ח ות״ט).

„ברידער! רופט זיך אָפּ אין דעם הײַנטיקן טאָג אויפן פרישן חורבן, וואָס האָט אונזערע ווילנער יידן געטראָפן. צענדליקער פאַמיליעס האָבן אויף אייביק זייערע שפּייזער פאַרלאָרן, הונדערטער פאָטערס, מאַנען און זין, האָט מען אָפּגעריסן פון זייער היים און פאַרוואָרפן אין די תפיסות. טויזנטער מענטשן זיינען געבליבן אָן אַרבעט און אַ ברעקל פרנסה — קומט זיי צו הילף! די נויט איז שרעקלעך גרויס און זי וואַקסט מיט יעדן טאָג, אַלע אַנשטאַלטן פון דער קהילה, די קינדערהיימען, די שולן, דער „מושב זקנים" גייען אויס פון מאַנגל אין געלט, אויב עס וועלן ניט אויפגעזאַמלט ווערן גרויסע געלטער, וועלן די אַנשטאַלטן זיך פאַרמאַכן און צו דער גרויסער מאַסע נויטבאַדערפטיקע וועלן צוקומען נאָך טויזנטער הונגעריקע באָרוועסע און נאַקעטע קינדער, נאָך הונדערטער הילפלאָזע אַלטעלייט. דערלאָזט דאָס ניט און אַז. וו."

אויך אויפן שולהויף איז געווען אָנגעקלעפּט אַ געשריבענע מודעה פון די רבנים וועגן כ׳ סיון. דער שטאָט־מגיד האָט אויך ערב כ׳ סיון געהאַלטן אין גרויסער שול אַ וואַרימע דרשה וועגן כ׳ סיון און וועגן דער זאַמלונג, אָבער נאָך דאָס אַלעמען האָט זיך די זאַמלונג פון די צוויי טעג ניט איינגעגעבן, מען האָט צונויפגעקליבן אינגאַנצן 150 טויזנט רובל. דאָס רוב האָבן געגעבן געמיינע בעלי־בתים און די גבירים האָבן זיך אַרויסגעמאַכט. די לאַגע איז געוואָרן וואָס ווייטער ערגער און ערגער; אין מושב־זקנים זיינען די געזונטערע געגאַנגען איבערן שטאָט בעטן נדבות, די שוואַכערע און די פּאַראַליזירטע, וואָס קענען ניט גיין, האָבן זיך געבעטן, אַז מען זאָל זיי געבן סם, כדי זיי זאָלן זיך ניט דאַרפן אַזוי פיל מאַטערן און אויסגיין פון הונגער. טאָג־טעגלעך איז געגאַנגען דער ארון פון מושב־זקנים גאָר אָן מלווים; פילו; אין גאָר אַ קורצער צייט זיינען דאָרט מער פון 10 פּראָצענט אויסגעגאַנגען פון הונגער. דעם 25־טן יוני האָבן אַפילו די פאָרשטייער פון קהילה ד״ר שאַבאַד, ד״ר בערגער און א. רודניצקי דערלאַנגט דעם בירגערמייסטער אַבראַמאָוויטש אַ מעמאָראַנדום וועגן דער לאַגע. עס האָט אָבער ווייניק געהאָלפן.

שפּעטער אַ ביסל האָט אָנגעהויבן אָנצוקומען אַמעריקאַנער מעל, מען האָט אויך געעפנט קינדער־קיכן. 72 יידישע קינדער

האָט מען אַיועקגעשיקט קיין וואַרשע. עס האָבן זיך אויך אָנגעהויבן צו באַקומען אַמעריקאַנער מלבושים און די לאַגע איז געוואָרן אַ ביסל בעסער, הגם די צרה פון דער אַרבעטסלאָזיקייט איז נאָך אַלץ געווען זייער גרויס.

און אין שטאָט איז נאָך אַלץ ניט געווען אין גאַנצן רואיק. אויך די לאַגע פון דער קהילה איז געווען זייער אַ קריטישע. די קהילה איז דאַן, דעם 22־טן אַווגוסט, אַרויס מיט אַ דעם קול־קורא וועגן אַ איינמאָליקן שטייער:

„די ווילנער קהילה האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן ביי אויסטליסלעך שווערע באַדינגונגען, ס׳האָט זיך געפאָדערט די גרעסטע אָנשטרענגונג, כדי גיבר צו זיין די פאַרשיידנאַרטיקע מניעות, אויף וועלכע איר איז אויסגעקומען אָנצושטויסן זיך ביי איר שטרעבן אויפצוריכטן די חורבונות פון דער לעצטער צייט. אפשר אַ צייט שפּעטער וועט די ווילנער יידישע באַפעלקערונג קאָנען ווי געהעריק אָפּשאַצן די גרייס פון דער אַרבעט, וואָס איז אָנגעטאָן געוואָרן פאַר די לעצטע 3 חדשים, און די אַרבעט ווערט ניט קלענער, פאַרקערט, וואָס ווייטער ווערט זי אַלץ גרעסער, די אויפגאַבן—אַלץ פאַרוויקלטער. שוין ביי היינטיקן טאָג נעמט אַרום די קהילה כמעט אַלע יידישע אַנשטאַלטן פון פאַרשיידנאַרטיקער געזעלשאַפטלעכער באַדייטונג. די קהילה האַלט אויס איצט 33 שולן מיט דער־נערונג פון בערך 12,000 קינדער, שטיצט אונטער מושב זקנים, משמרת חולים, די פרויען־און־קינדער־קליניק אויף זוועריניעץ, די אַנשטאַלטן פון „אָזע״. די ביבליאָטעקן און נאָך אייניקע קולטורעלע איינריכטונגען, גיט אַרויס 240 טויזנט אומזיסטע מיטאָגן מאָנאַטלעך ביי דער אַלגעמיינער צאָל אַרויסגעגעבענע מיטאָגן פון 477,823 פאַר מאַי, 551,836 פאַר יוני און 329,239 פאַר יולי – אין גאַנצן 1,359,952 מיטאָגן פאַר די לעצטע 3 חדשים, אויסער די מיטלשטאַנדסקיכן, וועלכע באַקומען פון דערנערונגס־אָפּטיילונג די נאָרמירטע פּראָדוקטן אויף 20,000 מיטאָגן מאָנאַטלעך, די קהילה האָט אַסיגנירט אין יולי מאָנאַט 300,000 מאַרק פאַר פּראָדוקטיווע הילף און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און טיילט פונאַנדער שטיצע נויטבאַדערפטיקע, אַרעסטירטע און געליטענע פון די לעצטע געשעענישן. זי האַלט אויך אויס דעם גאַנצן ראַבינאַט מיט אַלע ישיבות און קבוצים, דאָס פאָדערט אָבער געלט און זייער פיל געלט, און אויב דער יידישער קיבוץ איז זיך נאָך ניט פונאַנדערגעפאַלן, אויב טויזנטער און אפשר צענדליקער טויזנטער גרויס און קליין גייען ניט אויס אויף די גאַסן פון הונגער, אויב די יידישע שולן זיינען ניט געשלאָסן—איז דאָס נאָר אַדאַנק דער שטיצע, וועלכע מיר האָבן ביז איצט באַקומען פון אונזערע אַמעריקאַנער ברידער. די ווילנער יידן אָבער גיבן גאָר ניט, אויסער 150,000 רובל, וועלכע ס׳האָט זיך מיט גרויס אָנשטרענגונג איינגעגעבן צו באַקומען פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דער זאַמלונג פון „כ סיון״. נאָר לאַנג קאָן אַזאַ אומנאָרמאַלע לאַגע ניט דויערן, די אַמעריקאַנער געלטער זיינען ניט גענוגנד אויף צו דעקן די נייטיקסטע הצטרכותן פון דער קהילה. און היינט־מאָרגן וועט אַמעריקע בכלל אויפהערן צו שיקן שטיצע, דעריבער טאָרן מיר ניט בלייבן שטיין פון וויטן, מיר זיינען מחויב אָנצושטרענגען אַלע אונזערע קרעפטן, כדי זיך אַליין אויסצוהאַלטן, מיר מוזן זעלבסט מיטטראָגן דעם לאַסט פון אונזערע אייגענע הוצאות, די ווילנער קהילה האָט דעריבער אָנגענומען אויף דער פּלענאַר־זיצונג פון 27־סטן יולי די החלטה וועגן דער פּראָגרעסיווער באַשטייערונג פון דער גאַנצער ווילנער יידישער באַפעלקערונג, וואָס פאַרדינט מער פון 800 רובל אַ חודש פאַר פאַרהייראַטע, און מער פון 600 רובל פאַר אומפאַרהייראַטע, דאָס דורכפירן די באַשטייערונג פאָדערט אָבער צייט און אַרבעט. וואַרטן אָבער קאָנען מיר ניט, די קהלה נייטיקט זיך שוין, די רגע, אין גרויסע געלטמיטלען, און די נייטיקע געלטמיטלען מוזן טאַקע געשאַפן ווערן באַלד, און משך פון די נאָענטסטע טעג, ווען ניט שטייט די גאַנצע קהילה און צוזאַמען מיט איר נאָך צענדליקער יידישע אַנשטאַלטן פאַר דער געפאַר לגמרי אונטערצוגיין, דעריבער האָט די קהילה אויף איר פּלענאַר־זיצונג פון 7־טן אווגוסט אָנגענומען די החלטה דורכפירן אַ איינמאָליקן שטייער אין דער סומע פון 2 מאָל אַזוי פיל, ווי יעדער האָט געגעבן אין באַדאַרפט געבן אין דער זאַמלונג פון „כ סיון״. אַזוי ווי איר האָט אין „כ סיון״ געגעבן———ווענדן מיר זיך צו אייך דעריבער מיט דער דרינגלעכסטער בקשה ערפילן אייער חוב און אַריינטראָגן אין דער קאַסע פון דער קהילה אויפן שטייער־רעכענונג צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי איר האָט געגעבן אין „כ סיון״—איינגעצאָלן———. מיר זיינען מיר איבערצייגט, אַז לויט אונזער בקשה וועט איר גלייך ערפילן אייער חוב און מיט דעם אַליין וועט איר שוין באַווייזן, אַז אייך איז טייער דער כבוד פון דעם ווילנער יידישן קיבוץ און די עקסיסטענץ פון צענדליקער יידישע אַנשטאַלטן און טויזנטער יידישע קינדער.

פאָרזיצער פון דער קהילה ד״ר צ. שאַבאַד.
פאָרזיצער פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג אליעזר קרוק.
פאַרוואַלטער פון דער פינאַנס־אָפּטיילונג יעקב שעסקין.
גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קהילה ד״ר בערגער.
ווילנע, אווגוסט 1919.





אָבער נאָך אַלעמען האָט דאָס קוים געגעבן 16 טויזנט רובל. און דער יקרות האָט אַלץ ניט אויפגעהערט. און די אַרבעטסלאָזיקייט איז שוין געוואָרן אַזוי גרויס, אַז די פאַרהאַלטונגען פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן דעם 2 סעפּטעמבער געמוזט באַשליסן, אַז אומפאַרהייראַטע אַרבעטער מוזן געבן 2 טעג שכירות און פאַרהייראַטע איין טאָג שכירות פאַר די אַרבעטסלאָזע. און דאָ האָט זיך שוין אָנגערוקט דער ווינטער, וועלכער איז געווען אַ שווערער, האָלץ איז געווען זייער טייער, די פּרייזן זייער גרויסע, אַז מ׳האָט געפונען אייניקע פאַרפראָרענע, צווישן זיי איינעם אויפן ווילנער שולהויף, אַ סך לערנאַנשטאַלטן האָבן זיך גאָר פאַרמאַכט, ווייל ס׳איז ניט געווען קיין האָלץ, מיט וואָס צו הייצן. ס׳איז אויסגעבראָכן דער שטרייק פון די לערער און פון די אָנגעשטעלטע פון די קהילה־אינסטיטוציעס, אויך קיין נגישות האָבן ניט געפעלט.

בעסער איז די לאַגע געוואָרן אָנהייב פרילינג 1920; מ׳האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אויף קאַרטן צו 2 פונט ברויט אַ וואָך אויף אַ פּערזאָן צום פּרייז פון 2 מאַרק אַ פונט, עס האָט זיך אויך אָנגעהויבן צו באַקומען אַלץ אָפטער געלט פון אַמעריקע פאַר זייערע קרובים דאָ, אויך די עמיגראַציע אויפן גרונד פון די „אַפידייוויטס״ (פון אַמעריקע צוגעשיקטע אַרויספאָדערונגען פון קרובים) האָט זיך אָנגעהויבן.

דערווייל אָבער איז די לאַגע אויפן פויליש־רוסישן פראָנט געוואָרן אַ אומזיכערע, און די באָלשעוויקעס האָבן זיך אַלץ נעענטער גערוקט צו ווילנע. דעם 9 יולי איז שוין געוואָרן אַ גרויסע פּאַניק און אַ פּאָגראָם־שטימונג, דעם 11 יולי האָט מען געהרגעט דעם משגיח פון אַלטן בית־עולם, 13 יולי איז שוין ווילנע געווען אונטער באַלאַגערונגס־צושטאַנד, מ׳האָט שוין אויפגעהערט צו נעמען פוילישע געלט, אויך האָט מען ניט געקראָגן קיין ברויט. 7 טעג נאָכאַנאַנד זיינען די מאַנסביל געלעגן פאַרבאַהאַלטן אויף די ביידימער און אין די קעלערס פון פּאַניקע און מ׳האָט געהונגערט, ס׳זיינען אויך געווען גרויסע הויזזוכונגען און דערביי האָט מען איינעם לעווין דערשאָסן פאַרוואָס ער האָט זיך באַהאַלטן. פאַרן אַוועקגאַנג האָט מען צעראַבירט פיל הייזער און קראָמען כמעט אין אַלע גאַסן, אַז אַ צייט נאָכדעם אפילו זיינען געווען פיל קראָמען אין אַלע גאַסן פאַרמאַכט מיט אָנגעקלעפּטע צעטלען, אַז זיי זיינען צעראַבירט. אַ סך האָבן זיך דערנאָך מיט דעם אפילו אויסגענוצט צוליב דער סאָוועטישער מאַכט, מורא האָבנדיק פאַר רעקוויזיציע.

צום צווייטן מאָל האָט די רויטע אַרמיי פאַרנומען ווילנע דעם 14־טן יולי. פאַרשטייט זיך, אַז די גבירים האָבן די באָלשעוויקעס דאָסמאָל ניט געשוינט, זייענדיק נאָך מער אין כעס, פאַר וואָס זיי פאַרבאַהאַלטן פון זיי דאָס עסנוואַרג און ווילן זיי ניט פאַרקויפן און ווילן ניט נעמען זייער געלט. די רויטע אַרמייער האָבן דאָס כסדר געטענהט און געזאָגט אַזוי: „הערנדיק פון וויטן, אַז די פּאָליאַקן ווילן מאַכן אַ בלוטיקן פּאָגראָם פאַרן אַרויסגאַנג, זיינען מיר געלאָפן אָן אַ נשמה 70 וויאָרסט אין איין טאָג, כדי אייך צו ראַטעווען, און צום סוף ווילט איר אונז גאָר ניט פאַרקויפן״, און זייער צאָרן איז געווען שרעקלעך גרויס.

פאַר דער צייט פון דער צווייטער ראַטנמאַכט אין ווילנע איז דער הונגער און די אַרבעטסלאָזיקייט אויך געווען זייער גרויס. אָבער סוף אווגוסט איז ווילנע אַריבער אין פולשטענדיקן רשות פון די ליטווינער, און ביסלעכווייז האָט זיך דער הונגער געפעלט, און אויך שפּעטער האָבן זיך שוין מער ניט איבערגעחזרט די שרעקלעכע צייטן פון הונגער און נויט, וואָס ווילנע האָט איבערגעלעבט פאַר די לאַנגע מלחמה־יאָרן.

ד״ר צמח שאַבאַד.

# די שטערבלעכקייט און די געבורטן פון די יידן

## אין ווילנע פאַר די יאָרן 1911—1920.

.I

די סטאַטיסטיק פון דער שטערבלעכקייט פון דער באַפעלקערונג אין אירע אַלע פּרטים האָט אַ גרויסע באַדייטונג. פון איין זייט גיט זי מאַטעריאַל אויסצופאָרשן די עטנאָגראַפישע באַזונדערהייטן פון דער אָדער יענער נאַציאָנאַליטעט, פון דער אַנדער זייט שאַפט זי אַ באַגריף פון דעם עקאָנאָמישן, קולטורעלן און אויך סאָציאַל־פּאָליטישן לעבן פון פאָלק אין דעם אָדער יענעם לאַנד, אין דער אָדער יענער שטאָט.

פאַרהאַן לענדער, וואו אויף 1000 מענטשן שטאַרבן געוויינלעך אַ יאָר 36, זאָגאַר 40 און נאָך מער, פאַרקערט זיינען דאָ לענדער אָדער געגנטן, וואו ס׳שטאַרבן נאָר 17—18 אויף 1000 און אַפילו 14 און נאָך ווייניקער. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אין די ערשטע ערטער לעבן די מענטשן ערגער, אָרימער און שטייען אויף אַ נידעריקערער קולטורעלער מדרגה, ווי אין די לעצטע. ביי אַ טייל פעלקער איז די קינדער־שטערבלעכקייט אַ גאַנץ גרויסע—50 פּראָצ. פון אַלע געשטאָרבענע, ביי אַנדערע אַ סך אַ קלענערע—נאָר 15 פּראָצ. אַזאַ חילוק הענגט אָפּ פון אַ סך פאַרשיידנהייטן אין דעם לעבן פון די פעלקער און ווירקט אויף זייער גאַנצן עקאָנאָמישן מצב.

אויב ס׳איז בכלל וויכטיק אויסצופאָרשן די סטאַטיסטיק פון דער שטערבלעכקייט פון דער באַפעלקערונג אין איר געוויינלעכן לעבן פון אַ נאָרמאַלער צייט, איז עס נאָך וויכטיקער בנוגע די לעצטע יאָרן פון דער מלחמה.

ס׳פאַרשטייט זיך, אַז צוזאַמענשטעלן און באַאַרבעטן סטאַטיסטישע דאַטן פון דער שטערבלעכקייט איז נאָר מעגלעך פאַר אָפיציעלע מלוכישע אָדער קאָמונאַלע אינסטיטוטן, וועלכע האָבן די מעגלעכקייט צוזאַמענצוקלייבן ביי זיך אַלע דערצו געהעריקע ידיעות און האָבן אין זייער רשות דעם נייטיקן פּערסאָנאַל.

צום באַדויערן, איז ביז אַהער אין ווילנע נאָך ניטאָ אַזאַ אינסטיטוציע, וועלכע זאָל זיך פאַרנעמען מיט דער דאָזיקער פּראַגע אין דער גאַנצער ברייט; די געזעלשאַפטלעכע סטאַטיסטיק שטייט נאָך ביי אונז אויף אַ נידעריקער מדרגה, און אין מיין אַרבעט האָב איך זיך געמוזט ווענדן צו די רויע ציפערן, אַליין זיי צוזאַמענשטעלן און אַליין זיי אָפּשאַצן. בכן, כדי זיך צו פאַרלייכטערן מיין אויפגאַבע, האָב איך פאַרשמעלערט מיין טעמע מיט דער סטאַטיסטיק פון דער שטערבלעכקייט בלויז פון דער *יידישער* באַפעלקערונג אין ווילנע, הגם ס׳איז קלאָר, אַז פאַר וועלכע ס׳איז *פאַרגלייכנדיקע* אויספירונגען און בכלל אויף צו באַקומען אַ פולן באַגריף פון דעם לעבן אין שטאָט, וואָלט געווען וויכטיק צו האָבן און באַאַרבעטן די סטאַטיסטישע ידיעות בנוגע דער גאַנצער באַפעלקערונג.

נאָך אַ טעם, פאַרוואָס איך האָב באַאַרבעט בלויז די סטאַטיסטיק פון דער יידישער שטערבלעכקייט: פּשוט דערפאַר, וואָס די ידיעות פון די געשטאָרבענע קריסטן זיינען פונאַנדערגעוואָרפן אין פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, ביי פאַרשיידענע גלחים, לויט די קלויסטערס. דאָס סטאַטיסטישע ביוראָ ביים מאַגיסטראַט באַקומט לגמרי ניט קיין ריכטיקע ידיעות וועגן געשטאָרבענע, אגב זיינען זיינע ביכער ניט תמיד געווען צוטריטלעך פאַר אַלעמען, בפרט נאָך בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען די סאַניטאַרע אָפּטיילונג, למשל, האָט די ידיעות וועגן דער שטערבלעכקייט פון קלעפּיקע קראַנקהייטן געהאַלטן בחדרי־חדרים, „אַלס מיליטערישע אָנגעלעגנהייטן“.

פאַרקערט, די ידיעות וועגן די געשטאָרבענע יידן זיינען פאַר מיר אַלע מאָל געווען אָפן, און אגב זיינען זיי די *ריכטיקסטע*, וועלכע מען קאָן באַקומען.

איך האָב זיך, אַלזאָ, פאַר מיין אַרבעט באַנוצט מיט די ביכער פון די מתים, וואָס ווערן געפירט אין דער ווילנער צדקה־גדולה און פלעג זיי אויך פאַרגלייכן מיט די ידיעות פון די ביכער פון דעם ראַבינערס קאַנצעלאַריע. ביידע רייען דאַטן פלעגן שטימען כמעט פולשטענדיק. נאָך פון מיינע פריערדיקע אַרבעטן אויף דעם געביט (1901—1902) האָב איך זיך איבערצייגט, אַז די דאַטן פון צדקה־גדולה וועגן די נפטרים זיינען אומבאַדינגט ריכטיק: קיין מת ווערט ניט מקובר אָן אַ צעטל פון אַ דאָקטאָר לויט אַ באַשטימטן מוסטער, אַפילו אַ מפּיל פון עטלעכע חדשים, אַפילו אַן אָפּגעשניטענער טייל קערפּער (אַ האַנט, אַ פוס, אַ אָגנוואָקס).

בכן קען מען זיך אויף די מקורים, מיט וועלכע איך האָב זיך באַנוצט אין מיין אַרבעט, פולקום פאַרלאָזן.

פונדעסטוועגן האָב איך פאַר די פּעריאָדן, אין וועלכע ס׳איז געווען מעגלעך צו פאַרגלייכן די סטאַטיסטיק אויך פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, אויסגענוצט אויך די מאַטעריאַלן, וואָס זיינען צופעליק געבליבן פון די דייטשן, אָדער די, וועלכע ס׳האָט געקליבן דער מאַגיסטראַט.

---

.II

די פאַרגאַנגענע 10 יאָר אונטערשיידן זיך שטאַרק איינס פון דעם אַנדערן, דערהויפּט די ערשטע העלפט, די שלום־יאָרן, פון דער אַנדערער, די מלחמה־יאָרן. אין די מלחמה־יאָרן האָבן מיר איבערגעלעבט פאַרשיידענע אָקופּאַציעס—די דייטשע, די באָלשעוויסטישע, די פּוילישע,—וועלכע האָבן זיך פאַרשיידן אָפּגעשפּיגלט אין די סטאַטיסטישע ציפערן פון דער שטערבלעכקייט.

1911—1914 זיינען נאָרמאַלע שלום־יאָרן. אין דעם לעצטן דריטל 1914 הייבט זיך אָן די מלחמה און דער צופלוס פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג. אין לעצטן דריטל 1915—די עוואַקואַציע פון שטאָט און די דייטשע אָקופּאַציע מיט אירע גרויזאַמקייטן, נויט און הונגער. אָבער די 3 יאָר פון דער דייטשער אָקופּאַציע זיינען אויך ניט ענלעך איינס אויפן אַנדערן, און דאָס האָט זיך אַלץ אָפּגעשפּיגלט אין די טויטע ציפערן. אין יאָר 1917, דעם שווערסטן יאָר פאַר דער ווילנער באַפעלקערונג, זיינען נאָך פעסט געזעסן די דייטשן מיט דער שווערער שטאָלענער פויסט פון אָקופּאַנטן. אין יאָר 1918 האָט די געפּאַנצערטע האַנט אָנגעהויבן אַ ביסל נאָכלאָזן; ס׳האָט זיך שוין גענומען פילן די ווירקונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע, ס׳האָט אָנגעהויבן צו שמעקן מיטן שלום. אין אָקטאָבער האָט אויסגעבראָכן די דייטשע רעוואָלוציע, און סוף יאָר האָבן די דייטשן פאַרלאָזן ווילנע.

אין 1919 יאָר האָבן $3^{1}/_{2}$ חדשים געבעל־הבתעוועט די באָלשעוויקעס (6 יאַנואַר—18 אַפּריל). פון 19 אַפּריל אָן געפינט

זיך ווילנע (ווי אויך אַרייַ אַנדערע שטעט אין ליטע און ווײַס־רוסלאַנד) אין די הענט פון די פּאָליאַקן. דעם 14־טן יולי 1920 קומען ווידער די באָלשעוויקעס, אויף זעקס וואָכן (סוף אַווגוסט — אָנהייב אָקטאָבער) פאַרנעמען די שטאָט די ליטווינער, און דעם 9 אָקטאָבער איז אין ווילנע אַרײַן זשעליגאָווסקיס אַרמײַ, און ווילנע ווערט „מיטל־ליטע".

ס׳איז בכן אינטערעסאַנט צו באַאָבאַכטן, ווי אַזוי די דאָזיקע פאַרשיידענע ממשלות האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אויף דעם מצב פון די ווילנער יידן און זיך אויסגעדריקט אין די ציפערן פון שטערבלעכקייט און געבורטן.

ס׳איז כדאַי אויך נאָכצוזען, צי לאָזן זיך פון די דאָזיקע ציפערן אַרויסדרינגען וועלכע עס איז אַלגעמיינע סטאַטיסטישע כללים, ספּעציפיש פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, — הגם די אויסערלעכע באַדינגונגען זיינען כמעט יעדעס יאָר געווען אַנדערע.

---

### .III

קודם־כל לאָמיר באַטראַכטן, וויפיל זיינען בכלל געשטאָרבן יידן אין ווילנע יעדעס יאָר (אַבסאָלוטע צאָלן), און ווי אַזוי די דאָזיקע צאָלן זיינען געווען פאַרטיילט לויט די חדשים (טאַבעלע I).

פון דער טאַבעלע (און פון די דערצו געהעריקע דיאַגראַמען №№ 1–10), אין וועלכער ס׳זיינען צוזאַמענגעשטעלט די אַבסאָלוטע צאָלן פון די געשטאָרבענע (חוץ די טויטגעבאָרענע) חדשימווייז, פאַר האַלבע און גאַנצע יאָרן, זעען מיר, אַז אין די שלום־יאָרן האָט די צאָל געשטאָרבענע יידן אין ווילנע געהאַט אַ טענדענץ זיך צו פאַרקלענערן: אין 1911 איז זי געווען 1183, אין 1912 — 1211 און אין 1913 — 1088. אין יאָר 1914 הייבט זי שוין אָן צו שטייגן און דערגרייכט 1302, ד. ה. אויף 214 מער. אָבער אין די ערשטע 6 חדשים 1914 איז די צאָל געשטאָרבענע געווען נאָר אויף 59 מער ווי אין דער ערשטער העלפט 1913, אַלזאָ, אין די גרעניצן פון נאָרמאַלע וואַקלונגען. אין דער אַנדערער העלפט 1914 איז די צאָל געשטאָרבענע שוין געווען גרעסער אויף 155, ווי אין דעם אַנדערן האַלביאָר 1913. די דאָזיקע פאַרגרעסערונג קען דערקלערט ווערן דערמיט, וואָס די צאָל יידן אין שטאָט האָט זיך מיטן אויסבראָך פון דער מלחמה סתם פאַרגרעסערט דורך די אַרויסגעשיקטע פון קאָוונע, דורך די אַנגעלאָפענע פון די געגנטן, וואו ס׳זיינען געווען די מלחמה־אָפּעראַציעס, און דורך דער אויפלעבונג פון שטאָט, אַלס הינטערלאַנד פאַרן פראָנט.

אין יאָר 1915 האָט זיך די שטערבלעכקייט נאָך מער אויפגעהויבן: פון 1302 (1914) ביז 2165, ד. ה. אויף 863. די סיבה דערפון קען אויך דערקלערט ווערן דערמיט, וואָס אין 1915 האָט זיך די צאָל יידן נאָך מער פאַרגרעסערט, דערהויפּט אויפן חשבון פון די אַרויסגעשיקטע און אַנטרונענע. אויפווייזן, אַז די שטערבלעכקייט גופא האָט זיך אויך פאַרגרעסערט (וואָס לייגט זיך זייער אויפן שכל) קענען מיר ניט, ווייל מיר ווייסן ניט, וויפיל יידן זיינען געווען אין ווילנע יעדן חודש. בכל אופן קענען מיר דאָס ניט אויפווייזן פאַרן גאַנצן יאָר 1915. אָבער ווען מיר באַטראַכטן די צאָל מתים, אָנהייבנדיק פון סעפּטעמבער, ווען די רוסן האָבן פאַרלאָזן די שטאָט און מיט זיי אַרייַ יידן, און ווען מיר נעמען אין אַכט, אַז פון 5/18 סעפּטעמבער, דעם טאָג, ווען די דייטשן זיינען אַריין קיין ווילנע, זיינען קיין יידן אין שטאָט ניט צוגעקומען, נאָר פאַרקערט, פיל פון די אַנטרונענע האָבן זיך אומגעקערט אין זייערע פריערדיקע וואוינערטער, — די צאָל יידן האָט זיך, אַלזאָ, אָנגעהויבן צו פאַרקלענערן, — מוזן מיר קומען צום אויספיר, אַז די צאָל מתים האָט זיך משונהדיק פאַרגרעסערט. ערשטנס, באַווייזן די דאַטן, אַז אין סעפּטעמבער האָט זיך די צאָל

טאַבעלע I. די אבסאָלוטע צאָל געשטאָרבענע לויט חדשים.

| | יאַנואַר | פעברואַר | מערץ | אַפּריל | מײַ | יוני | ½ יאָר | יולי | אויגוסט | סעפּטעמבער | אָקטאָבער | נאָוועמבער | דעצעמבער | ½ יאָר | גאַנץ יאָר |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1911 | 94 | 111 | 94 | 77 | 101 | 113 | 590 | 93 | 111 | 94 | 95 | 88 | 112 | 593 | 1183 |
| 1912 | 133 | 99 | 83 | 102 | 81 | 103 | 601 | 95 | 90 | 105 | 126 | 101 | 93 | 610 | 1211 |
| 1913 | 98 | 84 | 94 | 98 | 95 | 66 | 535 | 79 | 86 | 101 | 106 | 97 | 84 | 553 | 1088 |
| 1914 | 112 | 98 | 110 | 104 | 79 | 91 | 594 | 95 | 130 | 115 | 124 | 105 | 139 | 708 | 1302 |
| 1915 | 128 | 129 | 146 | 130 | 146 | 154 | 833 | 188 | 271 | 330 | 235 | 145 | 163 | 1332 | 2165 |
| 1916 | 168 | 180 | 175 | 160 | 114 | 95 | 892 | 90 | 92 | 102 | 115 | 159 | 199 | 757 | 1649 |
| 1917 | 330 | 356 | 443 | 375 | 423 | 324 | 2251 | 301 | 271 | 248 | 180 | 179 | 219 | 1398 | 3649 |
| 1918 | 163 | 145 | 157 | 111 | 58 | 91 | 725 | 69 | 71 | 122 | 147 | 123 | 160 | 692 | 1417 |
| 1919 | 126 | 163 | 200 | 261 | 238 | 191 | 1179 | 129 | 122 | 78 | 91 | 118 | 104 | 642 | 1821 |
| 1920 | 180 | 135 | 103 | 79 | 58 | 62 | 617 | 86 | 167 | 105 | 86 | 66 | 62 | 572 | 1189 |

מתים ניט נאָר אַבסאָלוט ניט פאַרקלענערט, נאָר זי האָט דערגרייכט אַזאַ מדרגה (330), וואָס איז ביז אַהער ניט געווען, ניט אין יאָר 1915, ניט אין יאָר 1914. צווייטנס, הגם די צאָל מתים האָט זיך פון סעפטעמבער אָנגעהויבן שטאַרק צו פאַרקלענערן, אָבער אין יעדן ווייטערדיקן חודש איז די צאָל געווען גרעסער ווי אין די באַטרעפנדיקע חדשים פון 1914: אין אָקטאָבער 1914—124, אין אָקטאָבער 1915—235; אין נאָוועמבער 1914—105, אין נאָוועמבער 1915—145; אין דעצעמבער 1914—139, אין דעצעמבער 1915—163, בעת די צאָל יידן האָט זיך געוויס פאַרקלענערט אויף אַ דריטל. אפילו אין יאָר 1916, ווען די צאָל יידן איז כסדר קלענער געוואָרן, איז אין די ערשטע 6 חדשים די צאָל מתים אויך געווען פיל גרעסער, ווי אין די באַטרעפנדיקע חדשים פון 1915. נאָר פון מאַי 1916, ווען די צאָל יידן איז געוואָרן מסתמא נאָך קלענער, איז שוין די צאָל מתים קלענער ווי אין 1915,—אָבער נאָך אַלץ גרעסער ווי אין 1911—1914; אין יוני 1916 איז די שטערבלעכקייט נאָך קלענער, אָבער אַלץ גרעסער ווי אין 1914 און 1913, און אין ערשטן האַלביאָר 1916 זיינען געשטאָרבן מער יידן (892), ווי אין אַלע פריערדיקע 5 יאָר אין משך פון די זעלבע 6 חדשים.

אין דעם אַנדערן האַלביאָר 1916 איז די צאָל געשטאָרבענע שוין געוואָרן קלענער (757), אָבער נאָך אַלץ גרעסער, ווי אין צווייטן האַלביאָר 1914. אין יאָר 1917 איז די צאָל געשטאָרבענע יידן אין ווילנע מיט אַמאָל געוואָרן נאָך גרעסער און האָט דערגרייכט אין ערשטן האַלביאָר אַ קאָלאָסאַלע הויך—2251, כמעט אַזוי פיל ווי ס'זיינען געשטאָרבן אין די צוויי שלום-יאָרן 1912—1913 צוזאַמען (2299). אין דער אַנדערער העלפט 1917 ווערט שוין די צאָל געשטאָרבענע קלענער (1398), אָבער ס״ה איז פאַר. גאַנצן יאָר 1917 געשטאָרבן 3649, *מערער*, אַלזאָ, *ווי פאַר די גאַנצע 3 שלום-יאָרן* 1911—1913 *צוזאַמען* (3482). אין די דריי שלום-יאָרן פלעגן דורכשניטלעך שטאַרבן 3,2 יידן אַ טאָג, אין 1917—דורכשניטלעך 10,1.

אין יאָר 1918 ווערן שוין די אַלגעמיינע לעבנסבאַדינגונגען אין שטאָט מער צו דערטראָגן, און די צאָל מתים ווערט קלענער: 725—אין ערשטן האַלביאָר, 692—אין צווייטן; ס״ה 1417 פאַרן גאַנצן יאָר 1918. אין 1919 לעבט די שטאָט איבער די באָלשעוויסטישע אָקופאַציע (פון 6 יאַנואַר) און די פוילישע (פון 19 אַפריל) מיט דעם שרעקלעכן אַפריל-חודש (ביז 70 הרוגים), און די צאָל געשטאָרבענע יידן שטייגט ווידער, דערהויפט אין דעם ערשטן האַלבן יאָר (1179 אַנשטאָט 725 אין ערשטן האַלביאָר 1918); ס״ה זיינען אין 1919 יאָר געשטאָרבן 1821 יידן.

אין יאָר 1920 באַמערקט זיך אין יאַנואַר אַ שטייגונג פון דער שטערבלעכקייט (180), אָבער וואָס פון חודש ווערט זי קלענער און דערגרייכט אין מאַי—יוני ביז 58—62; אין יולי, דערהויפט אין אַווגוסט (167) ווערט די שטערבלעכקייט אַ סך גרעסער (מסתמא האָט דאָ געווירקט שטאַרק די עפידעמיע פון דיזענטעריע, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן אַריינגעטראָגן), אָבער מיט יעדן חודש פאַלט זי ווידער (אין אָקטאָבער האָבן טויזנטער יידן פאַרלאָזן ווילנע),—אַזוי אַז די געשטאָרבענע אין ערשטן און אין צווייטן האַלביאָר איז געווען כמעט די זעלבע (617 און 572).

---

## IV.

דאָס זיינען הוילע ציפערן, וועלכע גיבן נאָך ניט קיין קלאָרן באַגריף וועגן דער גרייס, וועגן דער *אינטענסיוויטעט* פון דער שטערבלעכקייט. אַ קלאָרן באַגריף וועגן דעם קענען מיר באַקומען נאָר דאַן, ווען מיר ווייסן אַלע מאָל, וויפיל *איינוואוינער ס'געפינען זיך אין שטאָט*, צום באַדויערן זיינען אַזעלכע ידיעות אין ווילנע ניט תמיד במציאות. די לעצטע





פאָלקסציילונג אין דעם געוועזענעם רוסלאַנד (אַלזאָ אויך אין ווילנע) איז געווען אין 1897; פון דאַן אָן, פאַרשטייט זיך, האָבן זיך די פאַרהעלטענישן שטאַרק געענדערט.

אין די שלום-צייטן, אין די יאָרן 1901—1902, האָב איך אויסגערעכנט*), אַז די שטערבלעכקייט ביי די יידן אין ווילנע איז געווען 20,4—22,6 אויף 1000 לעבעדיקע, בעת ביי די קאַטוילן איז דער דאָזיקער קאָעפיציענט געווען 28—30 אויף 1000. די שטערבלעכקייט אין ווילנע, ווי אויך אין פיל אַנדערע רוסלענדישע שטעט, וואו די באַפעלקערונג באַשטייט דאָס רוב פון ניט רוסישע עלעמענטן, פלעגט תמיד זיין קלענער, ווי אין די שטעט מיט אַ ריין רוסישער באַפעלקערונג. אין רוסלאַנד פלעגן אין יענע יאָרן דורכשניטלעך שטאַרבן 31,5 אויף 1000, אָבער ביי דער יידישער באַפעלקערונג פלעגט אויך אין אַנדערע שטעט און לענדער די שטערבלעכקייט זיין קלענער, ווי ביי דער קריסטלעכער. דאָס איז אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט, וועלכן מיר געפינען אין אַלע סטאַטיסטיקעס.

ווי אַזוי, אַלזאָ, האָט געווירקט די מלחמה און די פאַרשיידענע אָקופאַציעס אויף דער אינטענסיוויטעט פון דער שטערבלעכקייט פון דער (ציווילער) יידישער באַפעלקערונג אין ווילנע?

בעת דער דייטשער אָקופאַציע זיינען אין ווילנע פאָרגעקומען 3 מאָל *פאָלקסציילונגען*: אין נאָוועמבער 1915, אין מערץ 1916 און אין דעצעמבער 1916. ס'האָט נאָך געזאָלט פאָרקומען אַ פערטע פאָלקסציילונג אין יאָר 1918, נאָר זי איז ניט דורכגעפירט געוואָרן אַפריער צוליב דער שטערונג מצד דער באַפעלקערונג גופא (דערהויפט מצד די ליטווינער אויס פאָליטישע טעמים), דערנאָך שוין צוליב די דייטשע מפלות און דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. ביי דער ערשטער פאָלקסציילונג איז אין די פראַגעבויגנס סיי די אמונה, סיי די נאַציאָנאַליטעט לגמרי ניט געווען אָנגעגעבן, און דעריבער קענען מיר פון איר ניט וויסן די צאָל יידן, וועלכע זיינען דאַמאָלסט געווען אין ווילנע.

פון דער צווייטער פאָלקסציילונג ווייסן מיר, אַז יידן איז געווען אין ווילנע (אין מערץ 1916) רונד 61,000 (61,233—61,265). ווי מיר זעען פון דער טאַבעלע I., זיינען אין דעם דאָזיקן חודש געשטאָרבן 175 יידן (חוץ די טויטגעבאָרענע). אויסרעכענענדיק דעם קאָעפיציענט פון דער שטערבלעכקייט, ווי ס'איז אָנגענומען ביי די סטאַטיסטיקער, פאַר 12 חדשים, געפינען מיר, אַז אין דער דאָזיקער צייט איז ער געווען 34,4. ד. ה. פון 1000 יידן זיינען געשטאָרבן אין יאָר 34.4. אין דעצעמבער 1916 איז פאָרגעקומען אַ דריטע פאָלקסציילונג, לויט די אַרויסגעגעבענע ברויט-קאַרטן. לויט דער דאָזיקער סטאַטיסטיק האָט זיך שוין געפונען אין ווילנע בלויז 57,500 יידן. פון דער זעלבער טאַבעלע זעען מיר, אַז אין דעצעמבער 1916 זיינען געשטאָרבן 199 יידן, דאָס מאַכט שוין אויס 41,5 אויף 1000.

בכן זעען מיר, אַז אין יאָר 1916 האָט זיך די שטערבלעכקייט ביי די ווילנער יידן פון מערץ ביז דעצעמבער פאַרגרעסערט פון 34,4 ביז 41,5 אויף 1000, און אַז בכלל איז דער דאָזיקער קאָעפיציענט געווען כמעט 2 מאָל *אַזוי גרויס*, ווי אין די נאָרמאַלע יאָרן.

אָבער נאָך שרעקלעכער איז געוואָרן די שטערבלעכקייט אין דעם גרויזאַמען 1917 יאָר. מיר ווייסן ניט, וויפיל יידן האָבן זיך גערעכנט אין ווילנע אין דער דאָזיקער צייט. איך קען קאָנסטאַטירן, אַז אַ פולע זיינען אַרויסגעפאָרן אין די אַרומיקע שטעטלעך, כדי זיך צו ראַטעווען פון הונגער. רעכענענדיק, אַז אין משך פון די ערשטע 3 חדשים פון יאָר 1917 זיינען אָפגעפאָרן פון

---

*) זע מיין פאָרטראָג אויפן 9-טן פיראָגאָווער צוזאַמענפאָר פון די רוסישע דאָקטוירים אין פעטערבורג אין יאַנואַר 1904.

ווילנע 1400 יידן*) (געבאָרן און צוגעקומען זייער ווייניק) און אַראָפּרעכענענדיק בערך 1100 (1129=343+356+330), וואָס זיינען פאַר דער צייט געשטאָרבן, קענען מיר פעסטשטעלן די צאָל יידן צום סוף מערץ אויף לפי־ערך 55,000, ביי דעם דאָזיקן חשבון קומט אויס דער קאָעפיציענט פון דער שטערבלעכקייט פאַרמערץ 1917 אַן אומגעהייער גרויסער—97,5 אויף 1000! ס׳איז שווער צו געפינען נאָך אַ שטאָט, וואו די שטערבלעכקייט פון דער באַפעלקערונג זאָל דערגריין כמעט ביז 10 פּראָצ., דאָס הייסט, אַז אין משך פון אַ יאָר מוז פון יעדע 10 מענטשן איינער שטאַרבן! און ווען די פאַרהעלטענישן פון דער דאָזיקער שטאָט וואָלטן זיך ניט בייטן צום בעסערן, וואָלט אין משך פון 10 יאָר די גאַנצע באַפעלקערונג אויסגעשטאָרבן!

צום גליק, איז די אַנדערע העלפט 1917 שוין געווען גינסטיקער, און פאַרן גאַנצן יאָר איז געשטאָרבן ס״ה 3619 יידן. אַראָפּרעכענענדיק פון די 57,500 יידן (וואָס זיינען געווען אין ווילנע סוף 1916) 2200 אַרויסגעפאָרענע און אַ העלפט (1800) געשטאָרבענע, און רעכענענדיק, אַלזאָ, אַז דורכשניטלעך איז די יידישע באַפעלקערונג געווען אין יאָר 1917—53,500, באַקומען מיר פאַרן גאַנצן יאָר 1917 דעם קאָעפיציענט פון דער שטערבלעכקייט גלייך 68,2 אויף 1000, ד. ה. מער ווי 3 מאָל אַזוי גרויס, ווי אין די נאָרמאַלע יאָרן.

גאָרניט לאַנג האָב איך באַקומען אין מיין רשות געהיימע דייטשע מאַטעריאַלן פון דער שטערבלעכקייט אין ווילנע פאַר דער אָקופּאַציע־צייט פון אָקטאָבער 1915 ביז סוף 1917. לויט די דאָזיקע טאַבעלן איז, למשל, אין פעברואַר, מערץ און אַפּריל 510 (170+206+164) געשטאָרבן יידן און 852 (291+267+294) קריסטן. אויפן סמך פון דער פאָלקסציילונג פון 3 מערץ (61,233 יידן און 79,607 קריסטן) מאַכט דאָס אויס 33,2‰ יידן און 42,8‰ קריסטן.

אין דעצעמבער 1916 און אין יאַנואַר 1917 זיינען געשטאָרבן 481 יידן (190+282) און 597 קריסטן (220+377), וואָס מאַכט שוין אויס 50,4‰ יידן און 43,8‰ (פאָלקסציילונג פון 14 דעצעמבער 1916: 57,516 יידן און 81,271 קריסטן).

דאָס באַדייט, אַז אויך לויט דער אָפיציעלער דייטשער סטאַטיסטיק (זע אויך די אָפיציעלע „ווילנער צייטונג״ №78, 1917) איז די שטערבלעכקייט ביי די יידן פון אָנפאַנג ביז סוף 1916 מער געשטיגן, ווי ביי די קריסטן.

אין יאָר 1918, אין 1919 און נאָך מערער אין יאָר 1920 ווערט די צאָל געשטאָרבענע יידן קלענער. קיין פאָלקסציילונג איז פאַר דער צייט ניט געווען, און מיר מוזן צוגעבן, אַז נאָר די דייטשן מיט זייער פּינקטלעכקייט און געוויינהייט צו אָרדענונג האָבן פאַרשטאַנען די נייטיקייט און וויכטיקייט פון סטאַטיסטישער אַרבעט. בכן קענען מיר ניט פעסטשטעלן פאַר יעדן פּעריאָד דעם קאָעפיציענט פון דער שטערבלעכקייט.

פאַר דער אַנדערער העלפט 1919, בעת דער פּוילישער אָקופּאַציע, האָט דאָס צענטראַלע סטאַטיסטישע ביוראָ ביים מאַגיסטראַט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן באַריכטן, אין וועלכע מען קען געפינען אויך די צאָל פון דער באַפעלקערונג.

פאַר מיר ליגן די דאָזיקע באַריכטן: דאָ איז אויפגעוויזן, אַז די צאָל יידן איז אין יולי געווען 46,265, אין אַווגוסט 46,272, אין סעפּטעמבער 46,033, און אַז בכלל האָט די יידישע באַפעלקערונג אַ טענדענץ זיך צו פאַרקלענערן. ניט באַציענדיק זיך מיט גרויס צוטרוי צו די דאָזיקע ציפערן, ווייל דער הויפּטציל פון זיי איז צו באַווייזן, אַז דער פּראָצענט יידן אין ווילנע, וועלכער איז בעת דער דייטשער אָקופּאַציע געווען 43,5 (און פּאָליאַקן 50,1), איז אין 1919 געוואָרן 36,8 (און פּאָליאַקן 55,6)*), מוזן מיר זיך דאָך האַלטן ביי די דאָזיקע דאַטן, מחמת קיין אַנדערע האָבן מיר ניט. בכן אויסרעכענענדיק די צאָל געשטאָרבענע יידן אין יאָר 1919 (1821) אויף די צאָל לעבעדיקע (46,000), באַקומען מיר דעם קאָעפיציענט פון דער שטערבלעכקייט פאַרן יאָר 1919 39,6 אויף 1000.

אויב מיר וועלן באַנוצן די איינציקע אָפיציעלע סטאַטיסטישע ידיעות, וועלכע מיר האָבן פאַר דער לעצטער צייט, די באַריכטן פון דעם סטאַטיסטישן ביוראָ פון מאַגיסטראַט פאַר דער אַנדערער העלפט פון 1919 (מער זיינען ניטאָ), באַקומען זיך אַנדערע דאַטן.

אַזוי געפינען מיר דאָרטן:

I. באַפעלקערונג:

| | פּאָליאַקן. | יידן. |
|---|---|---|
| סעפּטעמבער | 68,000 | 46,272 |
| אָקטאָבער | 69,438 | 46,033 |
| נאָוועמבער | 70,798 | 45,881 |
| דעצעמבער | 71,608 | 46,307 |
| מיטלצאָל | 69,961 | 46,123 |

II. געשטאָרבן:

| | פּאָליאַקן. | יידן. |
|---|---|---|
| יולי | 253 | 138 |
| אַווגוסט | 186 | 131 |
| סעפּטעמבער | 181 | 75 |
| אָקטאָבער | 171 | 88 |
| נאָוועמבער | 202 | 116 |
| דעצעמבער | 271 | 102 |
| ס״ה . . | 1264 | 650 |

אויסרעכענענדיק אויף 1000 און אויף אַ יאָר, מאַכט אויס דער קאָעפיציענט שטערבלעכקייט פאַר די יידן אַ סך אַ קלענערער, ווי מיר האָבן געפונען, ד. ה. 28,18‰ און פאַר די פּאָליאַקן 36,13‰. דער דאָזיקער קלענערער קאָעפיציענט ערקלערט זיך דערהויפּט מיט דעם, וואָס פאַרן אַנדערן האַלביאָר 1919 איז די צאָל געשטאָרבענע טאַקע—אויך נאָך אונזער טאַבעלע—געווען קלענער, ווי פאַרן ערשטן (1179 און 692).

פאַרן יאָר 1920 האָבן מיר ניט קיין ריכטיקע (געדרוקטע) ידיעות וועגן דער גרויס פון דער באַפעלקערונג פון ווילנע. ווען מיר זאָלן אָננעמען, אַז אין יאָר 1920 איז די צאָל יידן געווען דיזעלבע, ווי אין דעצעמבער 1919 (הגם אין אָקטאָבער זיינען אַ סך יידן אַרויסגעפאָרן), ד. ה. אַן ערך 46,000, באַקומען מיר דעם קאָעפיציענט שטערבלעכקייט (די אַבסאָלוטע צאָל געשטאָרבענע איז געווען 1189) גלייך 25,8‰.

•) לויט די אָפיציעלע ידיעות, וועלכע איך האָב באַקומען ניט לענגאָל, זיינען ביז מאַי 1917 אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע דורך דעם רייזע־ביוראָ אין קאָוונע 2586 פּערזאָן, פון וועלכע נאָר 5–6% זיינען געווען ניט־יידן; פון ווילנע אַליין זיינען אַרויסגעפאָרן 900 פּערזאָן (פון גראָדנע 1179).

*) לויט די דיאַגראַמען, וועלכע זיינען געווען אויסגעהאַנגען אויף דער פּוילישער אויסשטעלונג אין ווילנע.

בכן שטעלט זיך די שטערבלעכקייט פון די יידן אין ווילנע פאָר אַזוי:

| | | |
|---|---|---|
| | 1898—1896 . . . . . . . . | 23,9⁰/₀₀ |
| | 1902—1901 . . . . . . . . | 22,6—20,4 „ |
| | (ביי די קריסטן) . . | 30,0—28,0 „ |
| מערץ | 1916 . . . . . . . . . . | 33,2—34,4 „ |
| | (ביי די קריסטן) . . | 42,8 „ |
| דעצעמב. | 1916 . . . . . . . . . . | 50,4—41,5 „ |
| | (ביי די קריסטן) . . | 43,8 „ |
| מערץ | 1917 . . . . . . . . . . | 97,5 „ |
| גאַנץ | 1917 . . . . . . . . . . | 68,2 „ |
| גאַנץ | 1919 . . . . . . . . . . | 39,6 „ |
| 2=טע העלפט | 1919 . . . . . . . . . . | 28,18 „ |
| | 1920 . . . . . . . . . . | 25,8 „ |

מיר זעען, אַלזאָ, אַז דער קאָעפיציענט האַלט ביי די ווילנער יידן אין פאַלן און קערט זיך אום צו דער מדרגה פון די פאַר=מלחמה=יאָרן, הגם דער סאָציאַל=פּאָליטישער מצב זייערער איז נאָך ווייט פון די שלום=יאָרן.

ווי אַזוי האָט זיך די מלחמה אָפּגערופן אויף דער שטערבלעכקייט פון דער ציווילער באַפעלקערונג אין אַנדערע שטעט און לענדער, האָב איך לעת=עתּה אין מיין רשות ניט קיין דאַטן. איך קען גראָד אויפווייזן, אַז אין בערלין האָט דער ערשטער יאָר פון דער מלחמה לגמרי ניט געווירקט אויף דער גרייס פון דער שטערבלעכקייט. אין יאָר 1914 איז זי געווען 16,73 אויף 1000 און און אין יאָר 1915—16,46 (בערלינער טאַגעבלאַט. 1916, 92 №).

---

.V

איצט וועלן מיר באַטראַכטן, ווי אַזוי פאַרטיילן זיך (זע דיאַגר. 1) די צאָלן פון די מתים אין משך פון די 10 יאָר לויט איינצעלנע חדשים. מיר זעען, אַז אין די יאָרן 1913—1911 אונטערשיידט זיך ד' שטערבלעכקייט חדשימווייז ניט שטאַרק איינע פון דער אַנדערער— ניט נאָר ביי דערוואַקסענע, נאָר אַפילו ביי קליינע קינדער. דאָס איז זייער אַ וויכטיקער פאַקט. אין דער סטאַטיסטיק פון אַלע לענדער מאַכן די אַזוי גערופענע קרומע פון דער מתים=צאָל 2 מאָל אין יאָר אַ גרויסן שפרונג אין דער הייך—זומער (יוני—אַווגוסט) און אַ קלענערן שפרונג אין האַרבסט אָדער ווינטער. דער גרויסער שפרונג הענגט אָפּ דערפון, וואָס די קליינע קינדער שטאַרבן לרוב אין די וואַרימע חדשים, קראַנק ווערנדיק אויף דעם אַזוי=גערופענעם זומער=שילשול. דאָס איז כמעט אַ געזעץ, וואָס באַמערקט זיך אין אַלע סטאַטיסטיקעס. אין רוסלאַנד, וואו די קינדער=שטערבלעכקייט איז גרעסער, ווי אומעטום, איז דער מאַקסימום גרעסער, אין די מערב=אייראָפּעאישע לענדער— קלענער. לויט מיין אייגענער סטאַטיסטיק, וואָס איך האָב צוזאַמענגעשטעלט פאַר ווילנע אין די יאָרן 1901—1902, שטייגט דער מאַקסימום פון דער מתים=צאָל, לויט דעם געזעץ, נאָר פאַר אַלע איינוואוינער צוזאַמען. אָבער צוזאַמענשטעלנדיק די סטאַטיסטיק פון דער מתים=צאָל פאַר די יידן באַזונדער אין משך פון די זעלבע 2 יאָר, האָב איך שוין דאַן באַמערקט, אַז דער מאַקסימום ביי די יידן איז אַ סך קלענער און ווייניקער דייטלעך, ווי ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, און ווען איך האָב גענומען די צאָל מתים פון יידן פאַר 10 יאָר צוזאַמען, זיינען די וואַקלונגען געווען נאָך קלענער.

ווי מיר זעען פון אונזערע קרומע (דיאַגר. I—III) פאַר די יאָרן 1911—1913, איז אין יאָר 1911 פאַראַן 2 קליינע מאַקסימומס: זומער, אין יוני און אין אַווגוסט (113 און 111 מתים), וואָס אַנטשפּרעכט עטוואָס די גרעסערע צאָלן פון די געשטאָרבענע קינדער, און ווינטער—פעברואַר, דעצעמבער (111 און



112), וואָס גייט גאָרנישט פּאַראַלעל מיט דער קינדער=שטערבלעכקייט. אין יאָר 1912 האָבן מיר 2 מאַקסימומס, נאָר אין יאַנואַר און אין אָקטאָבער,—אויך ניט פּאַראַלעל מיט דער קינדער=שטערבלעכקייט. אין 1913, וועלכער איז איבערהויפּט געווען אַ גינסטיקערער, ווי די 2 פריערדיקע יאָרן, מערקן מיר אין דער קינדער=שטערבלעכקייט לגמרי ניט קיין מאַקסימום. אין יאָר 1914 (דיאַגר. №4) האָט זיך די מתים=צאָל, אמת, אויפגעהויבן אין די לעצטע 5 חדשים, אָבער צוליב דער איינציקער סיבה—דעם אויסבראָך פון דער מלחמה און דער פאַרמערונג פון די יידישע איינוואוינער*). ניט וויסנדיק פון דעם אַלעם, וואָס איך האָב דאָ געזאָגט, וואָלטן מיר, אַ קוק טוענדיק אויף דער קרומער פון יאָר 1915 (דיאַגראַמע V) געקאָנט אָננעמען, אַז אין די זומערדיקע חדשים האָבן מיר דאָ אַ טיפּישע געוויינלעכע קרומע, וועלכע האָט זיך אויפגעהויבן אין יולי, דערגרייכט דעם מאַקסימום אין סעפּטעמבער און מיט אַמאָל אַראָפּגעפאַלן אין אָקטאָבער און אין נאָוועמבער. דאָס איז אָבער ניט ריכטיק, ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט.

די קרומע פון יאָר 1916 (דיאַגר. VI) און יאָר 1918 (דיאַגר. VIII) שטעלן פאָר דעם היפּוך צו די קרומע, וועלכע מיר זיינען געוויינט צו זען אין אַנדערע סטאַטיסטיקעס: זיי ווייזן אַ דייטלעכע פאַרטיפונג אין מיטן, דאָס הייסט אין די וואַרימע חדשים, און אַן אויפהייבונג פון ביידע זייטן, ד. ה. אין די קאַלטע חדשים. דערביי נעמט די אונטערשטע קרומע (קינדער=שטערבלעכקייט) כמעט גאָר קיין אָנטייל ניט, אָדער זייער אַ קליינעם. די קרומע פאַר די יאָרן 1917 און 1919 האָבן גאָר אַן אַנדער פּנים: די אַנדערע העלפט יאָר איז בולט נידעריקער, ווי די ערשטע,— אויך מיט אַ קליינעם אָנטייל פון דער אונטערשטער ליניע. ס'דאַרף זיין קלאָר, אַז דאָ האָבן געשפּילט אַ ראָלע ניט אויסערלעכע קלימאַטישע סיבות, נאָר גאַנץ אַנדערע וויכטיקע אינווייניקסטע אורזאַכן.

די קרומע פאַרן יאָר 1920 (דיאַגראַמע №X) איז אפשר ענלעך אויף אַנדערע סטאַטיסטיקעס; זי האָט דייטלעך צוויי מאַקסימומס: אין יאַנואַר און אין אַווגוסט, און די אונטערשטע ליניע גייט כמעט פּאַראַלעל מיט דער אייבערשטער, הגם אין יאַנואַר איז די קינדער=שטערבלעכקייט לפי=ערך ניט אַזוי גרויס, ווי די אַלגעמיינע. אָבער אויב אין אַווגוסט קען דער מאַקסימום שטערבלעכקייט דערקלערט ווערן מיט דער עפּידעמיע פון דיזענטעריע (אויך ביי קינדער), קען די שטערבלעכקייט פון יאַנואַר, וועלכע איז נאָך העכער (180), ווי אין אַווגוסט (167), ניט דערקלערט ווערן מיט קיין שום עפּידעמיע.

כדי נאָך אַנדערש צו באַטראַכטן די פראַגע, האָבן מיר געפּרובט צעטיילן די מתים=צאָלן אויף סעזאָנען: פרילינג (מערץ— אַפּריל—מאַי), זומער (יוני—יולי—אַווגוסט), האַרבסט (סעפּטעמבער—אָקטאָבער—נאָוועמבער) און ווינטער (דעצעמבער—יאַנואַר— פעברואַר). פון דער טאַבעלע II זעען מיר, אַז אין יאָר 1911 איז די קלענסטע צאָל מתים געווען אין פרילינג (272), נאָכדעם גייט האַרבסט (277), און די גרעסטע (גלייכע) צאָלן זיינען געווען זומער און ווינטער (317). אין יאָר 1912 איז דער מינימום אויך געווען אין פרילינג, און דער מאַקסימום—אין האַרבסט. אין יאָר 1913—איז דער מינימום געווען דווקא זומער, און דער מאַקסימום—אין האַרבסט. פון די 3 נאָרמאַלע יאָרן קען מען, אַלזאָ, אָננעמען, אַז דער מינימום צאָל מתים ביי די יידן פאַלט אויף פרילינג אָדער אויף זומער, און דער מאַקסימום— אויף האַרבסט, אָבער פאַר קיין געזעץ קאָן מען דאָס ניט האַלטן. אין יאָר 1914 זעען מיר, אַז די צאָל מתים שטייגט פון פרילינג

*) כאַראַקטעריסטיש איז דערביי, אַז די קינדער-שטערבלעכקייט (זע די אונטערשטע קרומע) האָט זיך דערביי ווייניק פאַרגרעסערט.

## טאַבעלע II. די אַבסאָלוטע צאָל געשטאָרבענע לויט סעזאָנען.

| י אָ ר ן | פרילינג | זומער | האַרבסט | ווינטער | ס"ה |
|---|---|---|---|---|---|
| 1911 | 272 | 317 | 277 | 317 | 1183 |
| 1912 | 266 | 288 | 332 | 325 | 1211 |
| 1913 | 287 | 231 | 304 | 266 | 1088 |
| 1914 | 293 | 316 | 344 | 349 | 1302 |
| 1915 | 422 | 613 | 710 | 420 | 2165 |
| 1916 | 449 | 277 | 376 | 547 | 1649 |
| 1917 | 1241 | 896 | 607 | 905 | 3649 |
| 1918 | 326 | 231 | 392 | 468 | 1417 |
| 1919 | 699 | 442 | 287 | 393 | 1821 |
| 1920 | 240 | 315 | 257 | 377 | 1189 |
| | 4495 | 3926 | 3886 | 4367 | 16674 |

ביז ווינטער, און מיר ווייסן פאַרוואָס: צוליב דעם אויסבראָך פון דער מלחמה. אין יאָר 1915 איז אין האַרבסט געווען די גרעסטע צאָל מתים, וועלכע ווערט מיט אַמאָל קלענער אין ווינטער (פון 710 אויף 420).

אין יאָר 1916 איז דער מינימום געווען זומער, דער מאַקסימום ווינטער; אין פרילינג זיינען געשטאָרבן אַ סך מערער, ווי אין האַרבסט. אין יאָר 1917 איז דער מאַקסימום געווען אין פרילינג, דער מינימום אין האַרבסט; ווינטער זיינען געשטאָרבן כמעט אַזוי פיל, ווי זומער. אין יאָר 1918 ווידער איז דער מאַקסימום געווען ווינטער, דער מינימום—זומער; אין פרילינג זיינען געשטאָרבן ווייניקער ווי אין האַרבסט. אין יאָר 1919 איז דער מאַקסימום געווען אין פרילינג, דער מינימום אין האַרבסט, זומער זיינען געשטאָרבן מערער ווי ווינטער. אין יאָר 1920 איז דער מאַקסימום געווען ווינטער (377), דערנאָך גייט דער זומער (315), און אין פרילינג ווייניקער (240), ווי אין האַרבסט (257).

ס"ה פאַר די צען פאַרשיידענע יאָרן איז דער מאַקסימום געווען אין פרילינג (449,5) און דער מינימום אין האַרבסט (388,6); ווינטער איז געווען מערער מתים (436,7), ווי זומער (392,6), אָבער קיין אַבסאָלוטע אויספירן קענען מיר דערפון ניט מאַכן.

אין די שלום־יאָרן, ווי מיר האָבן געזען, זיינען בכלל די וואַקלונגען צווישן די צאָלן פון געשטאָרבענע לויט די חדשים ניט גרויס. אין דער מלחמה־צייט מערקן מיר יאָ גרויסע וואַקלונגען, אָבער דאָס רוב הענגען זיי ווייניק אָפּ פון סעזאָנען, ד. ה. פון נאַטירלעכע קלימאַטישע סיבות, וועלכע זיינען דאָך געוויינלעך אַלע יאָר גלייך, נאָר פון אויסערלעכע פּאָליטישע געשעענישן, וועלכע האָבן זיך פאַר דער צייט שטענדיק געביטן, און פון דער עקאָנאָמישער לאַגע פון דער באַפעלקערונג.



מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אויף די סיבות, וועלכע האָבן געבראַכט צו דער פאַרגרעסערונג פון דער צאָל געשטאָרבענע אין יאָר 1914 (אָנהייב פון דער מלחמה) און אויף די וואַקלונגען אין די איינצעלנע חדשים אין יאָר 1915 (גרויסע צאָל היימלאָזע אין יולי—אַווגוסט, אָנהייב פון זייער עוואַקואַציע מיט דער דייטשער אָקופּאַציע). אין יאָר 1916 איז די צאָל געשטאָרבענע געוואָרן קלענער, צוליב דער פאַרקלענערונג פון דער באַפעלקערונג, און זומער איז די דערנערונג געווען אַ בעסערע. אין דער ערשטער העלפט 1917 איז די שטערבלעכקייט געוואָרן קאָלאָסאַל גרויס צוליב דעם הונגער, נויט און די פּלאָגן פון דער דייטשער אָקופּאַציע (צוואַנגסאַרבעטן, אַרבעטסלאָזיקייט א. ד. גל.); אגב איז דער ווינטער געווען זייער אַ שטרענגער, און די אָרימע באַפעלקערונג־האָט שטאַרק געליטן אויך פון קעלט.

אין דער אַנדערער העלפט 1917 פאַרבעסערן זיך די דערנערונגס־באַדינגונגען, און די שטערבלעכקייט ווערט קלענער. אגב זיינען שוין די שוואַכסטע אויסגעשטאָרבן.

אין דער ערשטער העלפט 1918 ווערט די שטערבלעכקייט נאָך קלענער, ערשטנס צוליב די זעלביקע סיבות, און צווייטנס, ווייל די גאַנצע מאַכט פון דער דייטשער אָקופּאַציע ווערט אָפּגעשוואַכט (בריסקער שלום). אין דער אַנדערער העלפט 1918 ווערט די שטערבלעכקייט (אַבסאָלוטע צאָל מתים) ווידער גרעסער (אָבער קלענער ווי אין 1917), ניט קוקנדיק אויף די דערלייכטערונגען צוליב דער דייטשער רעוואָלוציע, מסתמא צוליב דער אומאָרדענונג אין דער אַפּראָוויזאַציע פון איין זייט, און פון דער אַנדערער זייט—צוליב דעם, וואָס די יידישע באַפעלקערונג איז אַ ביסל געוואָרן גרעסער (צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד, אינטערנירטע און קריגסגעפאַנגענע פון דייטשלאַנד).

אין יאָר 1919 ביים באָלשעוויסטישן רעזשים ווערט די צאָל מתים עטוואָס קלענער, אָבער העכערט זיך מיט יעדן חודש, דערגרייכנדיק אין אַפּריל ביים אַריינגיין פון די פּאָליאַקן איר מאַקסימום (בערך 60—70 הרוגים אין די שרעקלעכע אַפּריל־טעג). ביסלעכווייז פאַרקלענערט זיך אָבער די שטערבלעכקייט, דערגרייכנדיק ערשט אין יולי—אַווגוסט די הייך פון יאַנואַר. בכלל איז די שטערבלעכקייט אין דעם צווייטן האַלביאָר 1919 פיל קלענער ווי אין ערשטן, מחמת ערשטנס איז די יידישע באַפעלקערונג געוואָרן קלענער, און צווייטנס, ווייל דאָס לעבן איז ווידער אַריין אין געוויסע נאָרמען, הגם דער יקרות איז געוואָרן וואָס פון טאָג אַלץ גרעסער.

אין יאָר 1920, איז די אַבסאָלוטע צאָל מתים געוואָרן נאָך קלענער, און די חדשימדיקע וואַקלונגען, ווי געזאָגט, זיינען אפשר געווען דאָס רוב אָפּהענגיק פון נאָרמאַלע סיבות (עפּידעמיע). פונדעסטוועגן קען דאָס פאַלן אין די האַרבסט־און ווינטער־חדשים גיכער דערקלערט ווערן מיט דער פאַרקלענערונג פון דער יידישער באַפעלקערונג (אַנטלאָפן פאַרן אַריינגאַנג פון זשעליגאָווסקיס חיילות).

אַזוי אַרום זעען מיר 1) אין נאָרמאַלע יאָרן גיט די יידישע שטערבלעכקייט אין ווילנע ניט די געוויינלעכע וואַקלונגען לויט די חדשים, וואָס מיר געפינען ביי אַנדערע אומות; 2) די גרייס פון דער קינדער־שטערבלעכקייט האָט ניט קיין גרויסע ווירקונג אויף דער הייך פון דער אַלגעמיינער שטערבלעכקייט, אויך אין היפּוך צו די אַנדערע סטאַטיסטיקעס; 3) די גרייס פון דער קרומער פון דער קינדער־שטערבלעכקייט גייט ניט אַלעמאָל פּאַראַלעל מיט דער קרומער פון דער אַלגעמיינער שטערבלעכקייט; 4) אין די מלחמה־יאָרן הענגען די וואַקלונגען אין דער גרייס פון דער שטערבלעכקייט דערהויפּט אָפּ ניט פון קלימאַטישע סיבות, נייערט פון אויסערלעכע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע אורזאַכן. 5) אויב די קלימאַטישע (סעזאָניקע) סיבות האָבן יאָ אַ וועלכע

ס׳איז ווירקונג אויף דער הייך פון דער שטערבלעכקייט בײַ די ווילנער יידן, איז דאָס ניט אַזוי ווי בײַ אַנדערע אומות: מיר געפינען דאָ דעם מאַקסימום ניט אין זומער, נאָר אין פרילינג און ווינטער. זומער שטאַרבן ניט קיין סך מער, ווי אין האַרבסט

---

## VI.

אַריבערגייענדיק צו די פּרטים פון דער סטאַטיסטיק און דער שטערבלעכקייט בײַ די ווילנער יידן פאַר די פאַרגאַנגענע 10 יאָר, וועלן מיר קודם־כל זיך גענויער אָפּשטעלן אויף דער קינדער־שטערבלעכקייט. מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן, אַז להיפוך צו אַלע אַנדערע סטאַטיסטיקעס, איז בײַ די ווילנער יידן די שטערבלעכקייט פון די קינדער לפי־ערך געווען קלענער ווי בײַ דערוואַקסענע. און אפשר אויך דערפאַר זיינען די וואַקלונגען אין די צאָלן פון דער אַלגעמיינער שטערבלעכקייט, לויט די חדשים און סעזאָנען, ניט אַזוי שטאַרק, ווי בײַ אַנדערע אומות. נאָכמער, מיר האָבן געזעען (זע דיאַגראַמען), אַז די קינדער־שטערבלעכקייט איז אפילו אין די שווערסטע צייטן געגאַנגען ניט פּאַראַלעל מיט דער אַלגעמיינער שטערבלעכקייט און האָט זיך ניט אַזוי בולט פאַרגרעסערט, ווי די ערשטע.

גענויערע ידיעות וועגן דעם גיט אונז די טאַבעלע III.

אין יאָר 1911 איז די קינדער־שטערבלעכקייט אין עלטער ביז 5 יאָר געווען 405, דאָס הייסט 34,24 פּראָצ. פון אַלע געשטאָרבענע, אין 1912—382 (31,54 פּראָצ.) און אין 1913—290 (26,65 פּראָצ.); די קינדער־שטערבלעכקייט האָט זיך, אַלזאָ, אין די דריי נאָרמאַלע יאָרן פאַרקלענערט, סיי אַבסאָלוט, סיי רעלאַטיוו; דייטלעכער געזאָגט, אין יאָר 1912 איז די גאַנצע צאָל מתים געווען 1211—אויף 28 מער, ווי אין יאָר 1911 (1183), און די צאָל געשטאָרבענע קינדער איז געווען אויף 23 ווייניקער. אין די פאָלגנדע 2 יאָר, בעת די צאָל מתים האָט זיך בכלל פאַרגרעסערט, איז פונדעסטוועגן דער פּראָצענט געשטאָרבענע קינדער (1914—28,28 פּראָצ.; 1915—28,75 פּראָצ.) ניט פיל

### טאַבעלע III. קינדער־שטערבלעכקייט.

| יאָרן | | קינדער ביז 5 יאָר: צאָל | קינדער ביז 5 יאָר: % בנוגע צו אַלע געשטאָרבענע | | קינדער ביז 1 יאָר (זויג־קינדער): צאָל | % בנוגע צו געשטאָרבענע קינדער ביז 5 יאָר | | % בנוגע צו אַלע געשטאָרבענע בכלל | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1911 | | 405 | 31,2 | 30,81% | 271 | 66,9 | | 22,9 | |
| 1912 | | 382 | 31,5 | | 270 | 70,0 | | 22,3 | |
| 1913 | | 290 | 26,6 | | 183 | 63,0 | | 16,8 | |
| 1914 | | 398 | 28,3 | 28,53% | 249 | 67,6 | | 19,1 | |
| 1915 | | 623 | 28,7 | | 297 | 47,6 | | 13,7 | |
| 1916 | | 292 | 17,71 | | 135 | 46,2 | | 8,2 | |
| 1917 | יאַנ.־יוני | 320 | 14,1 | 15,0 | 130 | 40,6 | 34,6 | 5,7 | 5,0 |
| | יולי־דעצ. | 228 | 16,3 | | 60 | 26,3 | | 4,4 | |
| 1918 | יאַנ.־יוני | 91 | 12,5 | 16,1 | 20 | 21,9 | 27,9 | 2,7 | 4,5 |
| | יולי־דעצ. | 138 | 19,9 | | 44 | 31,8 | | 6,3 | |
| 1919 | יאַנ.־יוני | 149 | 12,6 | 14,5 | 76 | 51,0 | 55,0 | 6,4 | 8,0 |
| | יולי־דעצ. | 116 | 18,0 | | 70 | 60,3 | | 10,9 | |
| 1920 | יאַנ.־יוני | 121 | 19,6 | 22,9 | 62 | 51,2 | 46,6 | 10,0 | 10,7 |
| | יולי־דעצ. | 151 | 26,4 | | 65 | 43,0 | | 11,3 | |
| ס״ה | | 3674 | 22,0 | | 1932 | 52,6 | | 11,6 | |





גרעסער געווען, ווי אין גינסטיקן יאָר 1913, און זאָגאַר קלענער געווען, ווי אין די נאָרמאַלע יאָרן 1911—1912. דער דורכשניטלעכער פּראָצענט פאַר די 3 שלום־יאָרן 1911—1912—1913 איז געווען 30,81 און פאַר די ערשטע צוויי מלחמה־יאָרן נאָר 28,53%. אין יאָר 1916 האָט זיך הן די אַבסאָלוטע צאָל געשטאָרבענע קינדער ביז 5 יאָר (292), הן איר פּראָצענט בנוגע די אַלע געשטאָרבענע, זיך פאַרקלענערט אויף אַ העלפט (17,71). אין יאָר 1917, אין דעם שלעכטסטן יאָר, איז די צאָל געשטאָרבענע קינדער ביז 5 יאָר אַ סך גרעסער (548), ווי אין 1916, אָבער דער פּראָצענט איז נאָך קלענער—15,0. אין יאָר 1918 איז דער דאָזיקער פּראָצענט אַפילו עטוואָס גרעסער (16,1), אָבער אין ערשטן האַלביאָר דאָך קלענער (12,5), און אין יאָר 1919—ווידער קלענער—14,5. נאָר אין יאָר 1920, בעת די לעבנסתנאים ווערן שוין נאָרמאַלער, העכערט זיך דער דאָזיקער פּראָצענט: אין ערשטן האַלביאָר אויף 19,6 אין צווייטן—אויף 26,4; פאַרן גאַנצן יאָר אויף 22,9.

דיזעלבע ערשײַנונג געפינען מיר אין דער שטערבלעכקייט פון די זויג־קינדער (ביז 1 יאָר). כדי צו זעען גענויער, אין וועלכן עלטער שטאַרבן בכלל די קינדער ביז 5 יאָר, האָב איך צוזאַמענגעשטעלט די ראַטן פון די קינדער־מתים פאַר יעדן לעבנסיאָר באַזונדער. אָבער כדי ניט צו פאַרגרעסערן אונזער מאַטעריאַל, גיבן מיר אין דער אַנדערער העלפט טאַבעלע III נאָר די צאָל און דעם פּראָצענט קינדער ביז 1 יאָר.—די דאָזיקע צאָלן, דערהויפּט די פּראָצענטן, ווערן וואָס פון יאָר קלענער. אַזוי איז בנוגע צו אַלע געשטאָרבענע אין יאָר 1911 געשטאָרבן קינדער ביז 1 יאָר 22,9 און בנוגע צו געשטאָרבענע קינדער ביז 5 יאָר—66,9. אין יאָר 1912 זיינען די דאָזיקע פאַרהעלטענישן—22,3 און 70; אין יאָר 1913: 16,8 און 63,0; אין 1914: 19,1 און 67,6; אין 1915: 13,7 און 47,6; אין 1916: 8,2 און 46,2; אין 1917: 5,0 און 31,6; אין 1918: 4,5 און 27,9. נאָר אין יאָר 1919 האָבן זיך די פּראָצענטן געהעכערט: 8,0 און 55,0, און אין 1920—10,7 און 46,6.

וואָס באַטייטן די דאָזיקע ציפערן? ס״ה אין משך פון 10 יאָר—גוטע און שלעכטע, שלום און מלחמה־יאָרן—זיינען אין ווילנע געשטאָרבן 3674 יידישע קינדער ביז 5 יאָר. אויף 16,674 געשטאָרבענע אין אַלע עלטערס מאַכט דאָס אויס 22 פּראָצ. בײַ די אַלע אומגינסטיקע באַדינגונגען, בײַ דער אָרימקייט און שמוץ, אין וועלכע עס לעבן דאָס רוב ווילנער יידן, מוזן מיר האַלטן דעם פּראָצענט פאַר ניט קיין גרויסן. אין רוסלאַנד, למשל, קומט אויס געוויינלעך אויף קינדער אין זעלבן עלטער מער ווי אַ העלפט פון אַלע געשטאָרבענע. אין 1.01—1902, לויט מיינע ידיעות פון ווילנע, קומט אויס אויף קינדער אין עלטער ביז 5 יאָר: בײַ פּראַוואָסלאַווגע 51,5 פּראָצ, פון אַלע געשטאָרבענע, בײַ קאַטוילן 52,2 פּראָצ. און בײַ יידן—42,0. פאַר די 10 יאָר 1893—1912 זיינען געשטאָרבן קינדער בײַ די ווילנער יידן 40,4 פּראָצ. פון אַלע געשטאָרבענע.

אין עלטער ביז 1 יאָר (זויג־קינדער) זיינען געשטאָרבן 1932, ד״ה 52,6 פּראָצ. פון אַלע געשטאָרבענע קינדער ביז 5 יאָר. דאָס באַטייט, אַז מער ווי אַ העלפט פון די געשטאָרבענע קינדער פאַלט אויפן ערשטן לעבנסיאָר. אָבער בנוגע צו אַלע געשטאָרבענע בכלל שטאַרבן אין דעם דאָזיקן עלטער נאָר 11,6 פּראָצ. די לעצטע פּראָפּאָרציע באַווייזט, אַז די לפי־ערך קליינע קינדער־שטערבלעכקייט בײַ ווילנער יידן ערקלערט זיך דערהויפּט מיט דעם קליינעם פּראָצענט שטערבלעכקייט פון זויג־קינדער ד. ה. אין עלטער ביז 1 יאָר. אַזוי דערגרייכט אין רוסלאַנד די שטערבלעכקייט פון זויג־קינדער 42 פּראָצ. פון אַלע געשטאָרבענע, ווי דאָס האָט אויפגעוויזן, למשל, ד״ר קודריאַווצעוו פאַר סיוראַנער

גוב. אין אָרענבורג, שרייבט ד"ר קעניגסבערג, שטאַרבן ביי די פּראַוואָסלאַווענע (1897—1906) אין עלטער ביז 1 יאָר 42 פּראָצ., ביי די מאַכמעדאַנער—נאָר 22,2. אינטערעסאַנט איז אויפצוווייזן, אַז אין בערלין, וואו די אַלגעמיינע שטערבלעכקייט איז געווען נאָר 16,46 אויף 0.10, 2 מאָל קלענער ווי אין ווילנע, איז די שטערבלעכקייט פון זויג=קינדער געווען 14,4 פּראָצ.,—זאָגאַר העכער ווי ביי ווילנער יידן, הגם אויך אין בערלין ווערט די שטערבלעכקייט פון זויג=קינדער וואָס פון יאָר קלענער. אַזוי זיינען אין יאָר 1912 אין בערלין געשטאָרבן זויג=קינדער 20.6 פון אַלע געשטאָרבענע, אין 1913—18,90, אין 1914—17,95, אין 1915 — 14,41 פּראָצענט („בערלינער טאַגעבלאַט" 1916, № 91).

די סיבה פון דער לפי=ערך קליינער שטערבלעכקייט פון קינדער ביי יידן איז שוין לאַנג ערקלערט געוואָרן. די טויזנטיעריקע געשיכטע האָט אויסגעאַרבעט ביי די יידן אַ שטאַרקע אימוניטעט, אַ עקשנות קעגן פאַרשיידענע קראַנקהייטן, און די אַלטע אמונה—אַ ריינעם פאַמיליע=לעבן און איינגעהאַלטנקייט. און נאָך עד=היום ווי אָרים די יידישע מוטער איז נ י ט, פלייסט זי זיך אַליין צו שטילן דאָס קינד מיט דער ברוסט. אויסערדעם איז נאָך אַלץ ביי יידן ווייניקער פאַרשפּרייט סיפיליס און שיכּרות, ווי ביי שכנים. ניט קיין קליינע באַדייטונג האָט אויך די באַקאַנטע ליבשאַפט צו די קינדער, אַפילו ביי דער אָרימסטער באַפעלקערונג, און איר גרויסע נטיה צו היילן זיך. אַ ווירקונג האָט אויך די קלענערע צאָל ממזרים ביי יידן, ווי ביי קריסטן (זע וייטער), און געוויינלעך איז ביי אומגעזעצלעכע קינדער די שטערבלעכקייט גרעסער, ווי ביי געזעצלעכע.

מיר דאַרפן זיך, אָבער, ניט אָפּנאַרן און ניט טרייסטן זיך מיט די ציפער. ווען ווירקלעך אין עלטער ביז איין יאָר שטאַרבן ביי אונז לפי=ערך ווייניקער קינדער, ווי ביי אונזערע שכנים, דערפאַר שטאַרבן אָבער די קינדער העכער פון איין יאָר בערך פיל מער; פון 1—5 יאָר קומט אויס 10,4 פּראָצ. פון אַלע געשטאָרבענע. פאַרלענגערנדיק דאָס לעבן פון די זויג=קינדער, פאַרגרעסערן מיר, אַזוי צו זאָגן, די שטערבלעכקייט פון די עלטערע קינדער. אויסערדעם טאָר ניט פאַרגעסן ווערן, אַז די קליינע קינדער פון דער אָרימער יידישער מאַסע וואַקסן אויס שוואַך, קראַנק און הויקערדיק. מער ווי 90 פּראָצ. פון זיי ליידן אויף טובערקולאָז און ענגלישע קרענק.

אָבער נאָך איינע פון די וויכטיקסטע סיבות פון דער, אפשר נ אָ ר ש י י נ ב אַ ר ע ר, קליינער קינדער=שטערבלעכקייט ביי יידן איז די—וואָס ביי זיי איז ב כ ל ל דאָ ווייניקער קינדער, ווי ביי אַנדערע אומות; ד. ה. די צ אָ ל ג ע ב ו ר ט ן איז ביי יידן ק ל ע נ ע ר, ווי ביי אַנדערע.

וועגן דעם וועלן מיר ריידן אין פאָלגנדיקן קאַפּיטל.

---

### VII.

אַ סך אַ ריכטיקערן בילד פון דער גרייס פון דער שטערבלעכקייט בכלל און דער קינדער=שטערבלעכקייט בפרט וואָלטן מיר געקענט באַקומען, ווען מיר זאָלן קענען באַרעכענען די צאָל געשטאָרבענע אויף דער צאָל ל ע ב ע ד י ק ע. אָבער אַזעלכע סטאַטיסטישע ידיעות האָבן מיר ניט אין אונזער רשות. מיר קענען נאָר פאַרגלייכן די קינדער=שטערבלעכקייט מיט דער צאָל ג ע ב ו ר ט ן. און דאָ באַקומט זיך טאַקע אַ גאַנץ אַנדער בילד.

אָבער זוכנדיק די ידיעות וועגן דער צאָל געבורטן אין די ביכער פון די ראַבינערס, וועלן מיר תמיד זיך אָנטרעפן אויף אַ פאַקט, וואָס, ווען מיר וועלן אים אָננעמען אַזוי ווי ער איז פאַרשריבן, וועלן מיר מאַכן סטאַטיסטישע פעלערן. איך רייד דאָ וועגן דער קליינער צאָל געבאָרענע מ י י ד ל ע ך ביי יידן להיפך





צו יינגלעך. אַזוי זיינען אין די ביכער פון ווילנער ראַבינער פאַרשריבן:

| | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אין יאָר | 1893 | געבאָרן | 698 | יינגלעך און | 208 | מיידלעך; ס"ה | 906 | קינדער. |
| „ „ | 1894 | „ | 784 | „ „ | 286 | „ „ | 1070 | „ |
| „ „ | 1895 | „ | 886 | „ „ | 499 | „ „ | 1385 | „ |
| „ „ | 1896 | „ | 1071 | „ „ | 551 | „ „ | 1622 | „ |
| „ „ | 1897 | „ | 977 | „ „ | 477 | „ „ | 1454 | „ |
| „ „ | 1898 | „ | 1041 | „ „ | 560 | „ „ | 1601 | „ |
| „ „ | 1899 | „ | 1156 | „ „ | 642 | „ „ | 1798 | „ |
| „ „ | 1900 | „ | 1135 | „ „ | 651 | „ „ | 1786 | „ |
| „ „ | 1901 | „ | 1232 | „ „ | 626 | „ „ | 1858 | „ |
| „ „ | 1902 | „ | 1281 | „ „ | 715 | „ „ | 1696 | „ |
| דורכשניטלעך | . . . | | 1026 | „ אויף | 521 | „ | | |
| אָדער | . . . . . | | 196 | „ „ | 100 | „ | | |

כּמעט דאָסזעלבע בילד לויט די רעזולטאַטן זעען מיר פון די פאַרשריבענע דאַטן אין ווילנע אין די ווייטערדיקע יאָרן ביים ראַבינער רובינשטיין. עס זיינען פאַרשריבן געוואָרן אַלס געבאָרענע:

| | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אין יאָר | 1911 | געבאָרן | 904 | יינגלעך און | 586 | מיידלעך; ס"ה | 1490 | קינדער. |
| „ „ | 1912 | „ | 908 | „ „ | 542 | „ „ | 1450 | „ |
| „ „ | 1913 | „ | 737 | „ „ | 511 | „ „ | 1284 | „ |
| „ „ | 1914 | „ | 248 | „ „ | 556 | „ „ | 1304 | „ |
| „ „ | 1915 | „ | 667 | „ „ | 375 | „ „ | 1042 | „ |
| סך הכל | . . . . . | | 4000 | „ אויף | 2570 | „ | | |
| אָדער | . . . . . . | | 156 | „ „ | 100 | „ | | |

די צאָל פאַרשריבענע מיידלעך שטימט געוויס ניט מיט דער ריכטיקייט. הגם אין די סטאַטיסטיקעס פון אַלע לענדער איז אָנגעגעבן, אַז יינגלעך ווערט געבאָרן מער ווי מיידלעך, אָבער לפי ערך אויף 2—4 פּראָצענט, ד. ה. אויף 100 מיידלעך ווערט געבאָרן 102—104 יינגלעך; דאָס זעען מיר אויך פון די סטאַטיסטיקעס פון די געבורט=אַנשטאַלטן. ביי יידן ווערט געבאָרן אפשר מיט 2—3 פּראָצ. מער, ד. ה. אויף 100 מיידלעך 105—106 יינגלעך. קיין גרעסערער יוצא=מן=הכלל קען דאָ נישט זיין. נאָכמער, די סטאַטיסטיקער לייגן געוויינלעך אַ גרויסן ווערט אויף דער גרעסערער צאָל געבאָרענע יינגלעך, ווי מיידלעך, און זעען אין דעם איבערפלוס פון געבאָרענע יינגלעך אַ גוטן סימן, און פאַרקערט אין דער געבורטן=פאַרקלענערונג פון יינגלעך זעען זיי אַן אומגינסטיקן סימפּטאָם. למשל אין ווין (האָראַטאָר, „צייטשריפט פיר דעמאָגראַפיע אונד סטאַטיסטיק דער יודען", יאַנואַר 1914) איז אין משך פון 1901—1910 אויף 100 קינדער ביי יידן געבאָרן געוואָרן 51,43 יינגלעך און 48,57 מיידלעך, אָדער אויף 100 מיידלעך 106 יינגלעך.

די סיבה פון ווייניקער פאַרשריבענע מיידלעך ביי יידן אין רוסלאַנד איז גאָר פּשוט. יינגלעך ווערן אַלע פאַרשריבן דורך די מוהלים און צו פאַרשרייבן אויך מיידלעך זיינען די עלטערן נאָך ניט איינגעוויינט. פון די געבראַכטע ציפערן זעען מיר, אַז וואָס פון יאָר ווערן אַלץ מער פאַרשריבן מיידלעך. אין 10 יאָר 1893—1902 קומט אויס אויף 100 מיידלעך 196 יינגלעך, אין די 5 יאָר 1911=1915—156, און ביז 1900, ווי עס האָט מיר איבערגעגעבן דער פאַרשטאָרבענער ווילנער ראַבינער נעמזער, פלעגן די עלטערן כּמעט לגמרי ניט פאַרשרייבן די געבוירענע מיידלעך, פאַרשטייט זיך, נאָר מחמת נאַכלעסיקייט. אַז מיין מיינונג איז אַ ריכטיקע, ווייזן, אויסער די סטאַטיסטיקעס פון אַנדערע שטעט און לענדער און געבורט=אַנשטאַלטן, נאָך פאָלגנדיקע ציפערן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין יאָר 1916, | 394 ייִנגלעך | און 451 מיידלעך — | ס"ה 815 |
| | (87,3 " | אויף 100 " ) | |
| " " 1917, | 252 " | און 237 " | " 489 |
| | (106 " | אויף 100 " ) | |
| " " 1918, | 278 " | און 205 " | " 483 |
| | (135 " | אויף 100 " ) | |
| " " 1919, | 512 " | און 437 " | " 949 |
| | (117 " | אויף 100 " ) | |
| " " 1920, | 522 " | און 338 " | " 860 |
| | (154 " | אויף 100 " ) | |

אין יאָר 1916, אַלזאָ בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, איז שוין פאַרשריבן געוואָרן ביים ראַבינער מיידלעך ניט נאָר ווייני־קער, ווי ייִנגלעך, נאָר פאַרקערט מערער (אויף 100 מיידלעך 87,3 ייִנגלעך, אָדער אויף 100 ייִנגלעך 114 מיידלעך).

דאָס באַווייזט, אַז ווען ס'זיינען דאָ וועלכע עס איז טעמים, צוליב וועלכע די עלטערן זיינען פאַראינטערעסירט צו פאַרשרייבן געניי די געבאָרענע מיידלעך, שטעלט זיך אַרויס גאָר אַן אַנדער בילד. די סיבות זיינען: א) די פאַראָרדענונג פון די דייטשן, לויט וועלכער די עלטערן ווערן באַשטראָפט, ווען זיי פאַרשרייבן ניט ריכטיק די געבורטן, און ב) די שטרעבונג, אַז אַלע קינדער, אויך ניי־געבאָרענע, זאָלן פאַרשריבן ווערן, כּדי מען זאָל פאַר זיי קענען קריגן ברויט־קאַרטן. דער פאַקט, וואָס לויט די דאַטן פאַרן יאָר 1916, קומט . אויס, אַז ייִנגלעך איז געבאָרן געוואָרן אַפילו ווייניקער פון מיידלעך, שטאַמט מסתּמא דערפון, וואָס, מחמת די אָנגעוויזענע סיבות, זיינען פאַרשריבן געוואָרן אַ סך פון די מיידלעך, וואָס זיינען געבאָרן געוואָרן אין פאָריקן יאָר און דאַן ניט פאַרשריבן געוואָרן.

אין יאָר 1917, בעת אָט די לעצטע האָבן זיך שוין אויסגע־גליכן, איז די צאָל געבאָרענע ייִנגלעך פאַרשריבן געוואָרן מסתּמא לויט דער ווירקלעכקייט, דהיינו 106 אויף 100 מיידלעך. אין 1918—1919—1920 זיינען ווידער פאַרשריבן אַ סך מערער ייִנגלעך, ווי מיידלעך. אין יאָר 1918 אויף 100 מיידלעך 135 ייִנגלעך, אין יאָר 1919 —אויף 100—117 און אין יאָר 1920—זאָגאַר 154 אויף 100.

פאַר די יאָרן 1918—1919 וואָלט מען אפשר געקענט אָנווייזן אויף צווייערליי סיבות: 1) אָדער די טעמים, פאַרוואָס די ייִדישע באַפעלקערונג איז געווען פאַראינטערעסירט אין ריכ־טיק צו פאַרשרייבן די ניי־געבאָרענע מיידלעך, זיינען שוין ניט געווען אַזוי שטאַרק (די שטרענגקייט פון דער דייטשער אָקופּאַציאָ־נעלער מאַכט איז געוואָרן שוואַכער, די ברויט־קאַרטן, צוליב די בעסערע לעבנס־באַדינגונגען, האָבן שוין מער ניט געשפּילט אַזאַ ראָלע), אָדער 2) איז טאַקע די צאָל ייִנגלעך באמת געוואָרן מער פאַר מיידלעך, לגבי פריער, און דאָס וואָלט באַשטעטיקט דעם פון אַ סך סטאַטיסטיקער אויפגעוויזענעם פאַקט, אַז נאָך אַ מלחמה ווערן געבאָרן מערער ייִנגלעך. אָבער דאָס וואָס אין יאָר 1920 איז געווען פאַרשריבן 154 ייִנגלעך אויף 100 מיידלעך, ווייזט טאַקע, אַז די ערשטע סיבה איז די ריכטיקסטע.

כּדי אַלזאָ אויסצורעכענען די שטערבלעכקייט אין פאַרגלייך מיט דער צאָל געבורטן, קענען מיר בשום אופן ניט נעמען די צאָל געבאָרענע מיידלעך אָט אַזוי, ווי ס'איז פאַרשריבן אין די ביכער פון ראַבינער. אין די פריערדיקע מיינע אַרטיקלען („ווילנער זאַמלבוך" I—II פאַר די יאָרן 1916-1918) האָב איך דעריבער נאָר אָפּערירט מיט דאַטן, וועלכע זיינען שייך בלויז די ייִנגלעך, מחמת די דאָזיקע דאַטן זיינען בלי־ספק די ריכטיקע. כּדי אָבער צו באַקומען אַ ברייטערן בילד, האָב איך אין די ווייטערדיקע מיינע טאַבעלעס גענומען אויך די צאָל געבאָ־





רענע מיידלעך, אָבער זיי קאָרעגירט אויף אַזאַ אופן: האַלט־נדיק, אַז די צאָל געבאָרענע מיידלעך איז אין יאָר 1917 (ווי איך האָב אויבן אָנגעוויזן) ווירקלעך די ריכטיקע, ד. ה. 106 ייִנג־לעך אויף 100 מיידלעך*), האָב איך אויך פאַר אַלע איבע־ריקע 9 יאָרן אָנגענומען די דאָזיקע פּראָפּאָרציע און פאַרריכט אַלע צאָלן (טאַב. IV).**)

## VIII.

די טאַבעלע IV איז זייער באַלערעוודיק. קודם־כּל זעען מיר אַרויס, אַז אין די 4 שלום־יאָרן (אָננעמענדיק, אַז די לעצטע 5 חדשים מלחמה פון 1914 האָבן נאָך קיין גרויסע ווירקונג אויף דער שטערבלעכקייט ניט געהאַט), זיינען געשטאָרבן קינדער אין עלטער ביז 1 יאָר 150 (ייִנגלעך 149) אויף 1000 לעבעדיק געבאָרענע, אין עלטער 1—2 יאָר—42 (ייִנגלעך 47), אין עלטער 2—5 יאָר—30 (ייִנגלעך 34), אין סך־הכּל ביז 5 יאָר 199 (ייִנגלעך 221), אין פאַרגלייך מיט די פריערדיקע יאָרן האָט זיך די קינדערשטערבלעכקייט ביי די ייִדן פאַרקלענערט. אַזוי זיינען, לויט מיינע ידיעות, פאַר די 5 יאָר 1893—1897 געשטאָרבן דורכשניטלעך ביז 5 יאָר 376, אין 1898—1902 דורכשניטלעך 302; פאַר די 2 יאָר 1901—1902—דורכשניטלעך 233.

אין גאַנץ לאָנדאָן אין ד יאָרן 1896—1900 איז אויף 1000 געבורטן געשטאָרבן ביז 1 יאָר—161, אָבער ביי די לאָנדאָנער ייִדן (אין יאָר 1903) נאָר 128, (פ. ראָזענבוים „איין בייטראַג צור סטאַטיסטיק דער יודען אין גראָסבריטאַניען" אין „צייטשר. פ. דעמ. א. סטאַט. ד. יודען" נום. 8—9 1906, ז. 120). אין פּרייסן זיינען גע־שטאָרבן זויג־קינדער (ביז 1 יאָר) אין 1910—157 אויף 1000 געבאָרענע, אין 1911—188, אין 1912—145 (ראָבערט בעלאַ, „בערלינער קלינישע וואָכנשריפט" 1913, נום. 14). אין בודאַפּעשט איז אין יאָר 1901—1905 געשטאָרבן אין עלטער 0—5 יאָר ביי די קאַטוילן 268, ביי די איבעריקע קאָנפעסיעס 223, ביי ייִדן 161 (אויערבאַך, „צייטשר. פ. דעמ. א. סטאַט." נום. 10, 1908, ז. 152). אין די אַנדערע שטעט איז די קינדער־שטערבלעכקייט ביי די ייִדן נאָך קלענער. אַזוי זיינען אין מינכען דורכשניטלעך פאַר די יאָרן 1894—1905 ביזן ערשטן לעבנסיאָר גע־שטאָרבן ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג 263 אויף 1000 געבאָרענע (מאַקסימום 319, מינימום 218) און ביי די ייִדן 95 (מאַקסימום 139, מינימום 27) (ז. דאָס אינטערעסאַנטע בוך פון יעקב סגל—„די ענטוויקלונג דער יודישען בעפעלקערונג אין מינכען 1875—1905." בערלין, 1910).

ווייטער זעען מיר אָבער פון דער טאַבעלע, ווי אין 1915 האָט זיך די קינדער־שטערבלעכקייט שטאַרק פאַרגרעסערט: ביז 1 יאָר—229 (ייִנגל. 253) 1—2 יאָר—179 (ייִנגל. 190) און

*) דאָס שטימט אויך מיט אַלע איבעריקע ריכטיקע סטאַטיסטיקעס.

**) ווי קלאָר עס איז ניט, אַז ביי דער באַאַרבעטונג פון דער ייִדישער סטאַטיסטיק דאַרף גענומען ווערן אין אַכט דאָס ניט ריכטיקע פאַרשרייבן פון ניי־געבאָרענע מיידלעך, האָבן דאָך אַ סך ייִדישע סטאַטיסטיקער אויף דעם דאָזיקן פאַקט זיך גאָר ניט אָפּגעשטעלט און צוליב דעם געמאַכט טעותים. אַזוי למשל האָלט סאָלאָמאָן מאַרגאָלין פון פּעטערבורג („די נייסטע דאַטן וועגן דער באַוועגונג פון דער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד" אין דער „צייט־שריפט פאַר דעמאָגראַפיע און סטאַטיסטיק" נום. 1911, ז. 42) פאַר כאַראַקטעריסטיש, וואָס מיידלעך ווערן [illegible] י ביי ייִדן ווייניקער, ווי ביי אַנדערע קאָנפעסיעס, און רעכנט אויס, [illegible] אין גאַנץ אייראָפּעאישן רוסלאַנד ווערן געבאָרן 51.5 % ייִנגלעך [illegible] ן 48.7 מיידלעך, יוערט ביי ייִדן געבאָרן נאָר 44 פּראָצ. מיידלעך.

טאַב. IV.

# געבורטן און קינדער־שטערבלעכקייט.

| יאָר | געבאָרן | | | געשטאָרבן | | | | | | | | | | | | | | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | | | ביז 1 יאָר. | | | | | | 1—2 יאָר | | | | | | 2—5 יאָר | | | | | | ביז 5 יאָר | | | | | |
| | | | | ייִנגלעך | | מיידלעך | | צוזאמען | | ייִנגלעך | | מיידלעך | | צוזאמען | | ייִנגלעך | | מיידלעך | | צוזאמען | | ייִנגלעך | | מיידלעך | | צוזאמען | |
| | ייִנגלעך | מיידלעך | בסך-הכל | צאל | אויף 1000 געבאָרענע | צאל | אויף 1000 געבאָרענע | צאל | אויף 1000 געבאָרענע | צאל | אויף 1000 געבאָרענע | צאל | אויף 1000 געבאָרענע | צאל | אויף 1000 געבאָרענע | צאל | אויף 1000 געבאָרענע | צאל | אויף 1000 געבאָרענע | צאל | אויף 1000 געבאָרענע | צאל | אויף 1000 געבאָרענע | צאל | אויף 1000 געבאָרענע | צאל | אויף 1000 געבאָרענע |
| 1911 | 904 | 853 | 1757 | 133 | 147 | 138 | 162 | 271 | 154 | 48 | 52 | 32 | 37 | 80 | 45 | 37 | 40 | 17 | 20 | 54 | 31 | 218 | 240 | 187 | 219 | 405 | 203 |
| 1912 | 908 | 857 | 1765 | 140 | 155 | 130 | 151 | 270 | 152 | 39 | 42 | 25 | 29 | 64 | 36 | 27 | 30 | 21 | 24 | 48 | 27 | 206 | 227 | 176 | 205 | 382 | 216 |
| 1913 | 773 | 729 | 1502 | 87 | 112 | 96 | 131 | 183 | 122 | 35 | 45 | 28 | 38 | 63 | 42 | 21 | 27 | 23 | 31 | 44 | 29 | 143 | 185 | 147 | 202 | 290 | 193 |
| 1914 | 748 | 706 | 1454 | 137 | 182 | 112 | 158 | 249 | 171 | 37 | 52 | 32 | 45 | 69 | 47 | 27 | 37 | 23 | 32 | 50 | 34 | 201 | 270 | 167 | 236 | 368 | 253 |
| 1914-1911 | 3333 | 3145 | 6478 | 497 | 149 | 476 | 150 | 973 | 150 | 159 | 47 | 117 | 37 | 276 | 42 | 112 | 34 | 84 | 27 | 196 | 30 | 768 | 221 | 677 | 215 | 1415 | 199 |
| 1915 | 667 | 629 | 1296 | 169 | 253 | 128 | 203 | 297 | 229 | 127 | 190 | 104 | 165 | 231 | 179 | 48 | 72 | 47 | 74 | 95 | 73 | 344 | 515 | 279 | 443 | 623 | 489 |
| 1916 | 394 | 451 | 845 | 81 | 205 | 54 | 119 | 135 | 159 | 49 | 124 | 43 | 95 | 92 | 109 | 36 | 91 | 29 | 64 | 65 | 76 | 166 | 421 | 126 | 279 | 292 | 345 |
| 1917 | 252 | 237 | 489 | 112 | 444 | 78 | 329 | 190 | 389 | 90 | 357 | 80 | 337 | 170 | 347 | 100 | 400 | 88 | 371 | 188 | 384 | 302 | 1198 | 246 | 1036 | 548 | 1120 |
| 1918 | 281 | 265 | 546 | 41 | 145 | 23 | 86 | 64 | 117 | 19 | 67 | 24 | 90 | 43 | 78 | 58 | 206 | 64 | 241 | 122 | 223 | 118 | 420 | 111 | 415 | 229 | 419 |
| 1919 | 512 | 483 | 995 | 67 | 130 | 79 | 163 | 146 | 146 | 13 | 25 | 15 | 31 | 28 | 28 | 47 | 91 | 44 | 91 | 91 | 90 | 127 | 248 | 138 | 285 | 265 | 266 |
| 1920 | 522 | 492 | 1014 | 75 | 143 | 52 | 106 | 127 | 125 | 59 | 113 | 35 | 71 | 94 | 93 | 27 | 51 | 24 | 49 | 51 | 50 | 161 | 308 | 111 | 225 | 272 | 268 |

ס״ה ביז 5 יאָר—486 אויף 1000 געבאָרענע (יינגל. 515); אַלע ציפערן האָבן זיך כמעט פאַרטאָפּלט.

אין 1916 איז די קינדער־שטערבלעכקייט בנוגע צו די געבורטן עטוואָס געווען קלענער, ווי אין 1915 (יינגלע[illegible] ביז 1 יאָר 205; ביידע געשלעכטער צוזאַמען 159 אויף 1000, יינגלעך ביז 5 יאָר—421, ביידע געשלעכטער צוזאַמען—315), אָבער דאָך פיל גרעסער, ווי אין די 4 שלום־יאָרן. שרעקלעך גרויס איז די קינדער־שטערבלעכקייט געוואָרן אין דעם אומגליקלעכן יאָר 1917. ביז 1 יאָר זיינען געשטאָרבן יינגלעך 444 אויף 1000, ד. ה. כמעט אַ העלפט פון אַלע געבאָרענע (ביידע געשלעכטער נאָר 389), 1—2 יאָר 357 (צוזאַמען 347), ד. ה. מערער ווי אַ דריטל, און סך־הכל זיינען געשטאָרבן קינדער ביז 5 יאָר 1120, ד. ה. פיל מער ווי ס׳זיינען געבאָרן געוואָרן. מיר זעען אַלזאָ, ווי אין 1916 יאָר האָבן די ווילנער קינדער אין קאַמף מיטן טויט אַרויסגעוויזן זייער אַ שטאַרקן ווידערשטאַנדס־כּוח, וואָס איז טיף איינגעוואָרצלט אַפילו אין די שוואַכע, קראַנקע, הונגעריקע יידישע קינדער. אָבער אין 1917 איז שוין אויך דער דאָזיקער ווידערשטאַנדס־כּוח סוף־כּל־סוף אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און די קינדער־שטערבלעכקייט דערגרייכט אַן אומגעהויערע הייך.

אין 1918 פאַרבעסערן זיך די לעבנס־תּנאים אין ווילנע, און די קינדער־שטערבלעכקייט ווערט קלענער, דערהויפּט ביי די זויג־קינדער. ביז 1 יאָר זיינען געשטאָרבן 117 (יינגלעך 145) אויף 1000 געבאָרענע, 1—2 יאָר—78 (יינגלעך 67), 2—5 יאָר—223 (יינגלעך 206), ס״ה ביז 5 יאָר איז אין 1918 געשטאָרבן 419 (יינגלעך 420) אויף 1000, ד. ה. מערער ווי אין די שלום־יאָרן (199). דער דאָזיקער 1918 יאָר כאַראַקטעריזירט זיך דערמיט, וואָס—הגם די שטערבלעכקייט בכלל האָט זיך באַדייטנד פאַרקלענערט, אָבער די קינדער־שטערבלעכקייט בנוגע צו דער צאָל געבורטן איז נאָך געווען גענוג גרויס, פּשוט דערפאַר, ווייל די צאָל געבורטן איז נאָך געווען קליין, די באַוועגונג פון דער באַפעלקערונג איז נאָך ניט געקומען צום אויסגלייך.

אַ סך בעסערע סימפּטאָמען ווייזן שוין די ווייטערדיקע צוויי יאָר.

אין יאָר 1919 איז אויף 1000 לעבעדיקגעבאָרענע געשטאָרבן ביז 1 יאָר 146 (יינגלעך 130), 1—2 יאָר—28 (יינגלעך 25), 2—5 יאָר—90 (יינגלעך 91); ס״ה ביז 5 יאָר 266 (יינגלעך 248).

אין 1920 זיינען די פאַרהעלטעניש פון דער קינדער־שטערבלעכקייט כמעט די זעלביקע, ווי אין 1919, מיט דעם אונטערשייד, וואָס 1—2 יאָר שטאַרבן מערער און 2—5 יאָר—ווייניקער. בכלל שטאַרבן ביז 1 יאָר 125 (יינגלעך 143); ביז 5 יאָר—268 (יינגלעך 308).

אויף דעם אונטערשייד צווישן דער שטערבלעכקייט פון יינגלעך און מיידלעך לוינט זיך ניט אָפּצושטעלן, ווייל דאָ קענען שפּילן (ביי די קליינע צאָלן) אַ ראָלע צופעליקייטן.

## IX.

ריידנדיק וועגן דער קינדער־שטערבלעכקייט, מוזן מיר זיך נאָך אָפּשטעלן אויף די טויטגעבאָרענע, וועלכע זיינען ניט אַריינגערעכנט געוואָרן אין דער צאָל געשטאָרבענע.

פון דער טאַב. V זעען מיר, אַז אויף 100 געשטאָרבענע האָט די צאָל טויטגעבאָרענע דערגרייכט (אין 1911) ביז 9,4. דערמיט ווערט אַלזאָ דער קאָעפיציענט שטערבלעכקייט גרעסער בכלל. פאַר די שלום־יאָרן 1911—1914 איז ער געווען דורכשניטלעך 8,3. מערקווירדיקער איז אָבער, אַז אין די ווייטערדיקע יאָרן, אין די מלחמה־יאָרן, ווערט ער קלענער: אין 1915—5,8, אין 1916—4,2, אין 1917—זאָגאַר 0,8, אין 1918—1,4; אין 1919—שוין ווידער 5,0 און אין 1920—6,5. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָר אין די מלחמה־יאָרן, דערהויפּט אין 1917, איז די אַלגעמיינע צאָל געשטאָרבענע געווען זייער גרויס; דעריבער איז דער פּראָצענט טויטגעבאָרענע לפי־ערך קליין לגבי דער צאָל געשטאָרבענע בכלל. אגב: אַ וויכטיקערע באַדייטונג האָט די צאָל טויטגעבאָרענע אין שייכות צו דער צאָל לעבעדיקגעבאָרענע.

### טאַב. V. טויטגעבאָרענע.

| יאָר | לעבעדיק געבאָרן G | געשטאָרבן GM | טויטגעבאָרענע: צאָל GM | טויטגעבאָרענע: אויף 100 געשטאָרבענע 100 GM M | טויטגעבאָרענע: אויף 100 לעבעדיק געבאָרענע 100 CM G |
|---|---|---|---|---|---|
| 1911 | 1757 | 1183 | 112 | 9,4 | 6,3 |
| 1912 | 1765 | 1211 | 98 | 8,1 | 5,5 |
| 1913 | 1502 | 1088 | 92 | 8,4 | 6,1 |
| 1914 | 1454 | 1302 | 99 | 7,6 | 6,8 |
| 1914—1911 | 1619 | 1196 | 100 | 8,3 | 6,1 |
| 1915 | 1296 | 2165 | 126 | 5,8 | 9,7 |
| 1916 | 845 | 1649 | 70 | 4,2 | 8,2 |
| 1917 | 489 | 3649 | 31 | 0,8 | 6,3 |
| 1918 | 546 | 1417 | 20 | 1,4 | 3,6 |
| 1919 | 995 | 1821 | 91 | 5,0 | 9,1 |
| 1920 | 1014 | 1189 | 77 | 6.5 | 7,6 |

פאַר די שלום־יאָרן 1911—1914 איז דער פּראָצענט טויט־געבאָרענע געווען דורכשניטלעך 6,1, גרעסער, ווי אין די פריערדיקע שלום־יאָרן. נאָך מיינע ידיעות איז מיט 20 יאָר צוריק (1901—1902) אויף 100 געבורטן געווען 4,0—5,2 טויט־געבורטן. און בכלל קומען פאַר ביי יידן ווייניקער טויטגעבאָרענע, ווי ביי קריסטן.

אין ווין, למשל, זיינען געווען טויטגעבאָרענע אויף 100 געבורטן:

| יאָר | ביי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. | ביי יידן. |
|---|---|---|
| 1880 | 4,48 | 4,30 |
| 1890 | 5,36 | 5,30 |
| 1900 | 6,19 | 4,83 |
| 1901—1905 | 6,86 | 7,40 |
| 1906—1910 | 8,22 | 8,17 |
| 1911 | 9,13 | 6,69 |

אין אַמסטערדאַם („צייטשריפט פאַר דעמאָג. און סטאַט.״ נומער 7, 1906) איז אין די יאָרן 1900—1903 דורכשניטלעך געווען אויף 100 לעבעדיקגעבאָרענע ביי די פּראָטעסטאַנטן 4,0,

ביי די קאַטוילן—3,7, ביי די יידן 3,5. אין קראָקע (ד"ר טהאָן, „צייטשריפט פאַר דעמאָג." נומער 11, 1905) איז אין די יאָרן 1886—1899 אויף 100 געבורטן געווען ביי די קריסטן (מינימום) 2,9—5,2 (מאַקסימום), ביי די יידן 1,4—4,0. אין בודאַפּעשט (אויערבאַך, „צייטשריפט פאַר דעמאָג." נומער 10, 1908) איז ביי די קאַטוילן געווען 3,5, ביי די יידן 2,4 טויטגעבאָרענע אויף 100 לעבעדיקגעבאָרענע (1901—1905). די פון מאַנכע סטאַטיסטיקער באַשריבענע קלענערע צאָל טויטגעבאָרענע, ווי ביי יידן (אין וואַרשע, אין גאַליציע) דערקלערט זיך אפשר דערמיט, וואָס די קאַטוילן פאַרשרייבן טויטגעבאָרענע אַלס לעבעדיקגעבאָרענע, כדי זיי זאָלן קענען ווערן געטויפט („די יודען אין עסטערריך", בערלין 1908).

אָבער אין די מלחמה=יאָרן ווערט אין ווילנע דער פּראָצ. טויטגעבאָרענע לגבי דער צאָל לעבעדיקגעבאָרענע גרעסער. אין 1915 איז ער דערגאַנגען ביז 9,7, אין 1916—8,2; אין 1917 כמעט דערזעלבער ווי אין די שלום=יאָרן (6,3); דער אונטערשייד איז דער, וואָס אין 1917 איז די צאָל געבורטן בכלל געוואָרן אַ סך קלענער: ס'איז געבאָרן געוואָרן כמעט 4 מאָל ווייניקער לעבעדיקע קינדער (489), איידער דורכשניטלעך פאַר די פיר שלום=יאָרן (1619); דאָס אייגענע זעען מיר אין 1918; דער פּראָצ. איז אַפילו קלענער (3,6), ווי פריער, אָבער די אַבסאָלוטע צאָל געבורטן איז נאָר 546. אין 1919 ווערט שוין ווידער דער פּראָצענט גרעסער (9,1), אָבער דערפאַר איז שוין די צאָל געבורטן אויך געווען גרעסער (995); אין 1920 איז דער פּראָצענט קלענער און די צאָל געבורטן גרעסער.

פון דער שייכות פון די ביידע לעצטע קאָלאָנעס אין דער טאַבעלע V, ד. ה. פון דער גרייס פון דעם ברוכטייל, וואָס דער פּראָצענט טויטגעבאָרענע (GM) בילדעט לגבי די לעבעדיק געבאָרענע (G) געחילוקט אויף דעם פּראָצענט טויטגעבאָרענע לגבי די געשטאָרבענע בכלל (M) $\frac{100GM}{G} : \frac{100GM}{M}$, קען מען באַקומען אַ געוויסן באַגריף פון דעם מצב פון דער באַפעלקערונג.*)

אין נאָרמאַלע באַדינגונגען מוז דער דאָזיקער ברוכטייל זיין קלענער, ווי אַן איינס (< 1), ווי, למשל, אין די יאָרן 1911—1914. בעת ער איז אָבער גרעסער ווי אַן איינס (> 1) און בפרט נאָך 3—4, זאָגאַר 8 מאָל אַזוי גרויס, ווי אין 1917 $\left(\frac{6,3}{0,8}\right)$ איז דאָס זייער אַ אומגינסטיקער סימן. די זאַך איז קלאָר: אין דעם ברוכטייל $\frac{100\ GM}{G} : \frac{100\ GM}{M}$ הענגט זיין גרייס אָפּ פון דער גרייס פון ציילער און פון וויזער: וואָס קלענער דער ציילער און וואָס גרעסער דער וויזער, איז אַלץ קלענער די צאָל. אָבער דער ציילער און דער וויזער זיינען אויך ברוכטיילן, ביי וועלכע די ציילער 100 GM זיינען איינע און די זעלבע; ד"ה דער ברוכטייל $\frac{100\ GM}{G} : \frac{100\ GM}{M}$ קען געשריבן ווערן $\frac{M}{G}$. ד. ה. וואָס קלענער ס'איז די צאָל געשטאָרבענע בכלל (M) און וואָס גרעסער ס'איז די צאָל געבאָרענע (G), אַלץ קלענער איז דער ברוכטייל. און פאַרקערט: וואָס גרעסער ס'איז די צאָל געשטאָרבענע (M) און וואָס קלענער די צאָל געבאָרענע (G) אַלץ גרעסער איז דער דאָזיקער ברוכטייל.

פאַרשטייט זיך, דער ברוכטייל $\frac{100\ GM}{G} : \frac{100\ GM}{M}$ קען אויך אַנדערש געטייטשט ווערן: ער איז $=\frac{M}{G}$, ד. ה. די יאָרן, ווען G

*) דער דאָזיקער ברוכטייל באַקומט זיך ווען מיר וועלן די צאָל געבאָרענע אָנרופן G, די צאָל געשטאָרבענע בכלל M און די צאָל טויטגעבאָרענע GM; דער פּראָצענט וועט זיין $\frac{100GM}{G}$ און $\frac{100GM}{M}$.





איז קלענער פאַר M, ד. ה. די צאָל געבאָרענע איז ווייניקער ווי די צאָל געשטאָרבענע (אָדער פאַרקערט: די צאָל געשטאָרבענע איז גרעסער ווי די צאָל געבאָרענע), אַזעלכע יאָרן זיינען אומגינסטיקע.

אַריינטראַכטנדיק זיך ווייטער אין דער טאַבעלע V, זעען מיר, אַז בעת אין די 4 שלום=יאָרן איז דער פּראָצ. טויטגעבאָרענע לגבי די געשטאָרבענע $\left(\frac{100\ GM}{M}\right)$ מיט יעדן יאָר געוואָרן קלענער און לגבי די לעבעדיקגעבאָרענע (100GM) געווען כמעט גלייך, מערקן מיר, אַז אין די ווייטערדיקע יאָרן מאַכן די דאָזיקע צאָלן גרויסע וואַקלונגען, בפרט לגבי דער צאָל געשטאָרבענע $\left(\frac{100\ GM}{M}\right)$.

אין יאָר 1915 בעת ווילנע איז (די ערשטע 3/4 יאָר) געווען דאָס נאָענטסטע הינטערלאַנד פון פראָנט און אַהער זיינען אָנגעלאָפן ביז 100000 נייע מענטשן, איז די צאָל טויטגעבאָרענע געוואָרן אַבסאָלוט גרעסער (126); אָבער די צאָל געבורטן, אויך צוליב מלחמה=צייט, איז גראָד געוואָרן ווינציקער, דעריבער איז דער פּראָצ. טויטגעבאָרענע צו די לעבעדיקגעבאָרענע $\frac{100\ GM}{G}$ געווען זייער גרויס (9,7). די צאָל בכלל געשטאָרבענע איז אָבער אין יאָר 1915 געווען פיל גרעסער, ווי אין די שלום=יאָרן, דעריבער איז דער ברוכטייל $\frac{100\ GM}{M}$ (5,8) לפי=ערך געווען קלענער, ווי אין די שלום=יאָרן (8,3). אין יאָר 1916 איז דער ברוכטייל $\frac{100\ GM}{G}$ געווען קלענער, ווי אין 1915, און העכער ווי אין די שלום=יאָרן; $\frac{100\ GM}{M}$ אָבער קלענער ווי אין אַלע פאָריקע יאָרן. אין יאָר 1917 איז די צאָל געשטאָרבענע בכלל אַזוי קאָלאָסאַל גרויס, אַז לגבי איר איז די צאָל טויטגעשטאָרבענע אומגעהייער קליין (0 8), בשעת ווען לגבי דער צאָל לעבעדיקגעבאָרענע (וועלכע איז געווען זייער אַ קליינע) איז זי אַ נאָרמאַלע (6,3). אין יאָר 1918 איז די צאָל טויטגעבאָרענע זייער קליין, בשעת ווען די אַלגעמיינע צאָל געבורטן איז ניט פיל גרעסער (546), ווי אין 1917 (489). דאָס מאַכט דעם איינדרוק, אַז ס'ווערט מער אויפמערקזאַמקייט געלייגט דערויף, דאָס קינד זאָל ניט טויט געבאָרן ווערן. בכן איז לגבי די לעבעדיקגעבאָרענע דער פּראָצענט פיל קלענער (3,6) און לגבי דער אַלגעמיינער שטערבלעכקייט (הגם זי ווערט אַלץ קלענער) נאָך גענוג קליין (1,4). אין 1919 באַמערקט זיך אַ שטאַרקע פאַרגרעסערונג פון געבורטן בכלל (995) און אין דער זעלבער צייט אויך אַ גרעסערע צאָל טויטגעבאָרענע (91). ווייסנדיק, אַז דער גרעסטער טייל טויטגעבאָרענע פאַלט אויף קינסטלעך געטויטע, ד. ה. אויף קינסטלעכע אַבאָרטן, מוזן מיר קאָנסטאַטירן, אַז פון איין זייט זעט זיך דאָ אַרויס דער פּאָזיטיווער סאָציאַלער אינסטיקט אין דעם, וואָס די צאָל געבורטן איז אין 1919 ניט פיל קלענער, ווי אין 1915 (1296), בעת די יידישע באַפעלקערונג איז דאַמאָלסט געווען אַ סך גרעסער, פון דער אַנדער זייט—אַז דער זעלבער אינסטינקט איז דאָך ניט אַזוי שטאַרק, צו קענען מנצח זיין די נעגאַטיווע ערשיינונג, די גרויסע צאָל איבערגעריסענע שוואַנגערשאַפטן. די שטערבלעכקייט איז נאָך אין יאָר 1919 געווען גענוג גרויס אין פאַרגלייך מיט די נאָרמאַלע יאָרן; בכן איז דער פּראָצענט טויטגעבאָרענע לגבי די לעבעדיקגעבאָרענע געווען 9,1 און לגבי דער צאָל געשטאָרבענע—נאָך קליין, 5,0.

נאָך בולטער טרעט אַרויס די פאַרבעסערונג פון דעם סאָציאַלן מעמד ביי די ווילנער יידן אין יאָר 1920. די צאָל געבורטן ווערט נאָך גרעסער (1014) און די צאָל טויטגעבאָרענע קלענער (77). אמת $\frac{100\ GM}{G}$ איז נאָך גרעסער (7,6), ווי אין די

שלום־יאָרן (6.1), אָבער $\frac{100\ GM}{M}$ איז קלענער (6,5) אַדאַנק דער לפי ערך קליינער שטערבלעכקייט.

---

ס׳בלייבט נאָך צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן ניט לעגאַל געבאָרענע (אָן חופּה־וקדושין).

די צאָל ממזרים זיינען ביי די ווילנער יידן זייער קליין, לכל־הפחות זייער ווייניק רעגיסטרירט.

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אין יאָר | 1911 | 17— | ייגלעך | 1 | מיידל | ס״ה | 18 |
| ״ | 1912 | 9 | ״ | — | ״ | ״ | 9 |
| ״ | 1913 | 6 | ״ | 1 | ״ | ״ | 7 |
| ״ | 1914 | 5 | ״ | — | ״ | ״ | 5 |
| ״ | 1915 | — | ״ | — | ״ | ״ | — |
| ״ | 1916 | 13 | ״ | 7 | ״ | ״ | 20 |
| ״ | 1917 | 2 | ״ | — | ״ | ״ | 2 |
| ״ | 1918 | 3 | ״ | — | ״ | ״ | 3 |
| ״ | 1919 | — | ״ | — | ״ | ״ | — |
| ״ | 1920 | — | ״ | — | ״ | ״ | — |
| פאַר 10 יאָר | | 55 | ״ | 9 | ״ | ״ | 64 |

אויף 11663 געבאָרענע מאַכט דאָס אויס 0,55%

ווען מיר ווילן אַפילו אויסרעכענען דעם פּראָצ. נאָר אויף ייִנגלעך אַליין (מחמת נאָך דער דאָזיקער טאַבעלע קומט אויס געבאָרענע 611 ייִנגלעך אויף 100 מיידלעך, וואָס איז ניט מעגלעך און ווייזט אויף דעם, אַז מיידלעך ניט לעגאַל געבאָרענע זיינען פּשוט ניט פאַרשריבן געוואָרן) און ווילן אויסשליסן די יאָרן, אין וועלכע קיין איין ממזר איז ניט פאַרשריבן געוואָרן אין די ביכער פון ראַבינער (1915, 1919 און 1920), וועלן מיר אַפילו אויף די 7 יאָר באַקומען אויך אַ קליינעם פּראָצ. ניט לעגאַל געבאָרענע קינדער (ייִנגלעך), נעמלעך 1,2%.

אין בערלין, למשל, זיינען אין יאָר 1914 אויף 3163 לעבעדיק־געבאָרענע קינדער געווען 653 אומגעזעצלעכע, ד. ה. 20.6 פּראָצ. אין 1915: אויף 2247—488, ד. ה. 21.7 פּראָצ. („בערלינער טאַגעבלאַט״ 1916 נום. 69) אין פּרייסן איז אין יאָר 1906 געווען ניט לעגאַל געבאָרענע קינדער ביי די קריסטן 7.48 פּראָצ., ביי די יידן 4,3 פּראָצ פון אַלע געבאָרענע („צייטשר. פ. דעמאָג. אונד סטאַט.״ נום. 1908,3). אין אַמסטערדאַם איז אין די יאָרן 1899—1904 ביי די פּראָטעסטאַנטן געווען 4.4, ביי די קאַטוילן 4.8 פּראָצ. און ביי די יידן 1.2 פּראָצ. פון אַלע געבורטן („צייטשר. פ. דעמאָג. אונד סטאַט.״ נום. 1906,7). אין גאַליציע אָבער, וואו ס׳פלעגן ניט אָנערקענט ווערן די יידישע מעטריקעס, זיינען, לויט דער סטאַטיסטיק פאַר די יאָרן 1895—1902, 2/3 יידישע קינדער פאַרשריבן אַלס ניט לעגאַלע (די יודען אין עסטערריך״ 1908, ז. 26).

---

### X.

איצט לאָמיר זען, ווי אַזוי פאַרטיילן זיך די מתים לויט געשלעכט און עלטער (טאַב. VI).

## I. געשלעכט.

אויף 100 געשטאָרבענע איז געווען:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| יאָר | 1911 | מענער | 5׳,2 | פרויען | 48,8 |
| ״ | 1912 | ״ | 52,8 | ״ | 47,2 |
| ״ | 1913 | ״ | 52,2 | ״ | 47,8 |
| ״ | 1914 | ״ | 53,4 | ״ | 46,6 |
| ״ | 1915 | ״ | 53,3 | ״ | 46,7 |
| ״ | 1916 | ״ | 52,7 | ״ | 47,3 |



| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| יאָר | 1917 | מענער | 51,5 | פרויען | 48,5 |
| ״ | 1918 | ״ | 46,7 | ״ | 53,3 |
| ״ | 1919 | ״ | 53,1 | ״ | 46,9 |
| ״ | 1920 | ״ | 50,4 | ״ | 49,6 |

בכן זיינען אין אַלע 10 יאָר (אַחוץ 1918) די צאָל געשטאָרבענע מענער געווען גרעסער ווי פרויען, דורכשניטלעך אויף 100 מתים 51,8 מענער און 48,2 פרויען, קיין גרויסער אונטערשייד צווישן די ערשטע 5 יאָר (52,75%) און די לעצטע 4 יאָר (51,31%) איז ניט געווען; בכל־אופן קען מען פון דעם קליינעם חילוק ניט ציען וועלכע ס׳איז קאָנסעקווענצן, אַ גענויעם בילד וואָלטן מיר באַקומען, ווען מיר וואָלטן קענען אויסרעכענען, וויפיל שטאַרבן מענער און פרויען אויף 100 אָדער 1000 לעבנדיקע:

פאַר די שלום־יאָרן קענען מיר אָננעמען, אַז דער פּראָצ. מענער איז געווען דערזועלביקער, ווי אין יאָר 1897 (בעת דער פאָלקסציילונג) ד. ה. 52,1; דער גרעסערער פּראָצ. געשטאָרבענע מענער קען אַלזאָ גאַנץ גוט דערקלערט ווערן מיט דער גרעסערער צאָל לעבנדיקע מענער. אין די מלחמה־יאָרן אָבער איז דער פּראָצענט מענער געוויס געווען אַ סך קלענער, ווי פרויען, דערהויפּט אין עלטער פון 20 ביז 50 יאָר צוליב דער מאָביליזאַציע. אַזוי זען מיר, אַז ביי דער דייטשער פאָלקסציילונג דעם 9 מערץ 1916 איז אויף 100 אַיינוואוינער געווען 57,6 מענער און 42,4 פרויען, און אין עלטער העכער ווי 14 יאָרן—מענער 38 פּראָצ. און פרויען 62. און פונדעסטוועגן, ווי ס׳ווייזט די פאָלגנדיקע טאַבעלע, איז אויף 100 געשטאָרבענע געווען מענער:

| יאָרן | אין עלטער | | |
|---|---|---|---|
| | 0—20 | 21—50 | 51—און עלטער |
| 1911<br>1912<br>1913<br>1914 | 53,3 | 54,0 | 51,1 |
| 1915<br>1916<br>1917 | 53,9 | 50,9 | 51,4 |
| 1918<br>1919<br>1920 | 50,3 | 48,5 | 63,1 |

אין די יאָרן 1915 - 1917 איז געשטאָרבן מענער אין מיליטער־עלטער 21—50 דאָך עטוואָס מערער, ווי פרויען (50,9) און אין 1918—1920, בעת די מענער האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אומצוקערן, גראָד ווייניקער, ווי פרויען (48,5), דאָס באַווייזט, אַז די שטערבלעכקייט ביי די ווילנער יידישע מענער איז גרעסער, ווי ביי די פרויען בכלל און בפרט נאָך אין די מלחמה־יאָרן.

לויט דער סטאַטיסטיק פון ווילנער מאַגיסטראַט איז אין דער אַנדערער העלפט 1919 ביי יידן געווען מענער 44,9 אויף 55,1 פרויען, און ביי קאַטוילן 42,1 אויף 47,9, און דאָך, ווי מיר זען פון דער טאַבעלע VI, איז אין יאָר 1919, שוין כמעט נאָך דער מלחמה, אויף 100 געשטאָרבענע יידן געווען 53,1 מענער.

פון דער פאָלגנדיקער טאַבעלע איז צו זען, אַז אויך אין דער קינדער־שטערבלעכקייט מערקן מיר אַן אונטערשייד אין די געשלעכטער.

# געשלעכט און עלטער פון די געשטאָרבענע.

| | 1911 | | | | | 1912 | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | מענער | פרויען | בסך־הכל | אויף 100 געשטאָרבענע געווען מענער | אויף 100 געשטאָרבענע בכלל געשטאָרבן אין דעם עלטער | מענער | פרויען | בסך־הכל | אויף 100 געשטאָרבענע געווען מענער | אויף 100 געשטאָרבענע בכלל געשטאָרבן אין דעם עלטער |
| ביז 1 יאָר | 133 | 138 | 271 | 49,1 | 23,0 | 140 | 130 | 270 | 52,0 | 22,3 |
| 5—1 | 85 | 49 | 134 | 63,5 | 11,3 | 66 | 46 | 112 | 59,0 | 9,2 |
| **5—0** | **218** | **187** | **405** | **54,0** | **34,2** | **206** | **176** | **382** | **54,0** | **31,5** |
| 10—6 | 14 | 13 | 27 | 52,0 | 2,2 | 14 | 14 | 28 | 50,0 | 2,3 |
| 20—11 | 24 | 19 | 43 | 55,8 | 3,6 | 29 | 22 | 51 | 57,0 | 4,3 |
| 30—21 | 25 | 36 | 61 | 41,0 | 5,2 | 33 | 31 | 64 | 51,5 | 5,3 |
| 40—31 | 31 | 38 | 69 | 45,0 | 5,8 | 30 | 27 | 57 | 52,5 | 4,7 |
| 50—41 | 47 | 39 | 86 | 55,0 | 7,3 | 55 | 34 | 89 | 61,8 | 7,3 |
| 60—51 | 51 | 48 | 99 | 51,5 | 8,4 | 65 | 54 | 119 | 55,0 | 9,8 |
| 70—61 | 93 | 82 | 175 | 53,1 | 14,8 | 84 | 79 | 163 | 51,5 | 13,5 |
| 80—71 | 72 | 80 | 152 | 47,3 | 12,8 | 90 | 104 | 194 | 46,4 | 16,0 |
| 90—81 | 28 | 32 | 60 | 47,0 | 5,1 | 33 | 27 | 60 | 55,5 | 5,0 |
| 91 און עלטער | 3 | 3 | 6 | 50,0 | 0,5 | 2 | 2 | 4 | 50,0 | 0,3 |
| בסך־הכל . . | 606 | 577 | 1183 | 51,2 | 100,0 | 641 | 570 | 1211 | 52,8 | 100,0 |

| | 1913 | | | | | 1914 | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ביז 1 יאָר | 87 | 96 | 183 | 48,5 | 16,8 | 137 | 112 | 249 | 55,0 | 19,1 |
| 5—1 | 56 | 51 | 107 | 52,5 | 9,8 | 64 | 55 | 119 | 54,0 | 9,1 |
| **5—0** | **143** | **147** | **290** | **49,3** | **26,6** | **201** | **167** | **368** | **55,0** | **28,2** |
| 10—6 | 14 | 22 | 36 | 39,0 | 3,3 | 21 | 16 | 37 | 56,6 | 2,8 |
| 20—11 | 30 | 29 | 59 | 51,2 | 5,4 | 38 | 26 | 64 | 59,3 | 4,9 |
| 30—21 | 30 | 32 | 62 | 48,3 | 5,7 | 59 | 47 | 106 | 55,5 | 8,1 |
| 40—31 | 41 | 26 | 67 | 61,1 | 6,1 | 49 | 46 | 95 | 51,5 | 7,2 |
| 50—41 | 47 | 33 | 80 | 58,7 | 7,4 | 56 | 39 | 95 | 59,0 | 7,2 |
| 60—51 | 66 | 49 | 115 | 57,4 | 11,0 | 60 | 57 | 117 | 51,2 | 9,0 |
| 70—61 | 80 | 72 | 152 | 53,0 | 14,0 | 84 | 92 | 176 | 48,0 | 14,0 |
| 80—71 | 80 | 78 | 158 | 51,0 | 14,1 | 78 | 82 | 160 | 49,0 | 12,2 |
| 90—81 | 32 | 28 | 60 | 53,3 | 5,5 | 48 | 32 | 80 | 60,0 | 6,1 |
| 91 און עלטער | 5 | 4 | 9 | 55,5 | 9,0 | 2 | 2 | 4 | 50,0 | 0,3 |
| בסך־הכל . . | 568 | 520 | 1088 | 52,2 | 100,0 | 696 | 606 | 1302 | 53,4 | 100,0 |

# געשלעכט און עלטער פון די געשטאַרבענע.

| | 1915 | | | | | 1916 | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | מענער | פרויען | בסך-הכל | אויף 100 געשטאַרבענע בעווען מענער | אויף 100 געשטאַרבענע בכלל געשטאַרבן אין דעם עלטער | מענער | פרויען | בסך-הכל | אויף 100 געשטאַרבענע בעווען מענער | אויף 100 געשטאַרבענע בכלל געשטאַרבן אין דעם עלטער |
| ביז 1 יאָר | 169 | 128 | 297 | 56,9 | 13,7 | 81 | 54 | 135 | 60,0 | 8,2 |
| 5—1 | 175 | 151 | 326 | 54,7 | 15,1 | 85 | 72 | 157 | 54,1 | 9,5 |
| **5—0** | **344** | **279** | **623** | **55,2** | **28,8** | **166** | **126** | **292** | **56,8** | **17,8** |
| 10—6 | 42 | 26 | 68 | 61,7 | 3,2 | 33 | 16 | 49 | 67,3 | 2,9 |
| 20—11 | 60 | 33 | 93 | 64,5 | 4,3 | 52 | 46 | 98 | 53,1 | 5,9 |
| 30—21 | 84 | 45 | 129 | 65,1 | 6,0 | 37 | 35 | 72 | 51,3 | 4,4 |
| 40—31 | 74 | 58 | 132 | 56,1 | 6,1 | 41 | 42 | 83 | 49,4 | 5,1 |
| 50—41 | 74 | 76 | 150 | 49,3 | 7,0 | 83 | 67 | 150 | 55,3 | 9,1 |
| 60—51 | 102 | 107 | 209 | 48,8 | 9,6 | 123 | 98 | 221 | 55,6 | 13,4 |
| 70—61 | 151 | 149 | 300 | 50,3 | 13,8 | 143 | 134 | 277 | 51,6 | 16,8 |
| 80—71 | 145 | 153 | 298 | 48,6 | 13,8 | 140 | 149 | 289 | 48,4 | 17,6 |
| 90—81 | 72 | 76 | 148 | 48,6 | 6,8 | 46 | 56 | 102 | 45,1 | 6,2 |
| 91 און עלטער | 6 | 9 | 15 | 40,0 | 0,6 | 5 | 11 | 16 | 31,2 | 0,8 |
| בסך-הכל . . | 1154 | 1011 | 2165 | 53,3 | 100,0 | 869 | 780 | 1649 | 52,7 | 100,0 |

| | 1917 | | | | | 1918 | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ביז 1 יאָר | 112 | 78 | 190 | 58,9 | 5,2 | 41 | 23 | 64 | 62,5 | 4,5 |
| 5—1 | 190 | 168 | 358 | 53,1 | 9,8 | 77 | 88 | 165 | 46,9 | 11,7 |
| **5—0** | **302** | **246** | **548** | **55,1** | **15,0** | **118** | **111** | **229** | **51,5** | **16,2** |
| 10—6 | 96 | 115 | 211 | 45,5 | 5,9 | 70 | 80 | 150 | 46,5 | 10,6 |
| 20—11 | 133 | 128 | 261 | 50,9 | 7,2 | 50 | 78 | 128 | 39,0 | 9,0 |
| 30—21 | 91 | 104 | 195 | 46,6 | 5,3 | 52 | 76 | 128 | 40,5 | 9,0 |
| 40—31 | 111 | 127 | 238 | 46,6 | 6,5 | 33 | 53 | 86 | 38,3 | 6,0 |
| 50—41 | 202 | 215 | 417 | 48,4 | 11,4 | 62 | 79 | 141 | 44,0 | 10,1 |
| 60—51 | 335 | 258 | 593 | 56,5 | 16,3 | 84 | 100 | 184 | 45,5 | 13,0 |
| 70—61 | 338 | 283 | 621 | 54,4 | 17,0 | 114 | 109 | 223 | 51,1 | 15,8 |
| 80—71 | 218 | 235 | 453 | 48,1 | 12,4 | 63 | 57 | 120 | 52,5 | 8,4 |
| 90—81 | 49 | 49 | 98 | 50,0 | 2,7 | 16 | 11 | 27 | 59,5 | 1,9 |
| 91 און עלטער | 7 | 7 | 14 | 50,0 | 0,3 | — | 1 | 1 | — | — |
| בסך-הכל . . | 1882 | 1767 | 3649 | 51,5 | 100,0 | 662 | 755 | 1417 | 46,7 | 100,0 |

| | 1919 | | | | | 1920 | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ביז 1 יאָר | 67 | 79 | 146 | 45,8 | 8,0 | 75 | 52 | 127 | 59,0 | 10,7 |
| 5—1 | 60 | 59 | 119 | 51,6 | 6,5 | 86 | 59 | 145 | 59,3 | 12,2 |
| **5—0** | **127** | **138** | **265** | **47,9** | **14,5** | **161** | **111** | **272** | **59,0** | **22,9** |
| 10—6 | 63 | 59 | 122 | 51,6 | 6,7 | 34 | 40 | 74 | 46,0 | 6,2 |
| 20—11 | 81 | 69 | 150 | 54,0 | 8,2 | 70 | 76 | 146 | 48,0 | 12,3 |
| 30—21 | 101 | 69 | 170 | 59,4 | 9,3 | 49 | 49 | 98 | 50,0 | 8,2 |
| 40—31 | 80 | 84 | 164 | 48,7 | 9,0 | 38 | 35 | 73 | 52,0 | 6,1 |
| 50—41 | 106 | 97 | 203 | 52,2 | 11,3 | 44 | 57 | 101 | 43,5 | 8,5 |
| 60—51 | 146 | 116 | 262 | 55,7 | 14,3 | 57 | 81 | 138 | 41,3 | 11,6 |
| 70—61 | 151 | 137 | 288 | 52,4 | 15,8 | 85 | 72 | 157 | 54,1 | 13,2 |
| 80—71 | 89 | 66 | 155 | 57,4 | 8,7 | 52 | 53 | 105 | 49,9 | 8,8 |
| 90—81 | 19 | 18 | 37 | 51,3 | 2,0 | 8 | 14 | 22 | 36,3 | 1,8 |
| 91 און עלטער | 4 | 1 | 5 | 80,0 | 0,2 | 2 | 1 | 3 | 66,6 | 0,3 |
| בסך-הכל . . | 967 | 854 | 1821 | 53,1 | 100,0 | 608 | 589 | 1189 | 50,4 | 100,0 |

אויף 100 געשטאָרבענע אין דעם עלטער איז געווען ייִנגלעך.

| יאָרן | אין עלטער 1—0 | 5—0 |
|---|---|---|
| 1911 | 49,0 | 54,0 |
| 1912 | 52,0 | 54,0 |
| 1913 | 48,5 | 49,0 |
| 1914 | 55,0 | 55,0 |
| 1915 | 57,0 | 55,0 |
| 1916 | 60,0 | 57,0 |
| 1917 | 59,0 | 55,0 |
| 1918 | 62,5 | 51,5 |
| 1919 | 45,8 | 47,9 |
| 1920 | 59,0 | 59,0 |
| דורכשניטלעך | 53,5 | 53,6 |

אַזוי אין עלטער פון 0—1 שטאַרבן ייִנגלעך 53,5%; דאָס וואָלט געקענט אפשר דערקלערט ווערן דערמיט, וואָס ייִנגלעך ווערן געבאָרן מערער, אָבער אויך פון 0 ביז 5 יאָר שטאַרבן ייִנגלעך 53,6% און מיידלעך 46,4. דאָס באַווייזט טאַקע, אַז ייִנגלעך שטאַרבן ביי אונז אין די קינדער־יאָרן מערער ווי מיידלעך. ביי עלטערע קינדער איז שוין דער חילוק ניט קיין גרויסער; פון 6 ביז 10 יאָר—50,4% ייִנגלעך און 49,6% מיידלעך.

פון ווייטערדיקע השערות בנוגע צום געשלעכט אין די איבעריקע עלטער־גרופּעס, האַלטן מיר זיך אָפּ, ניט האָבנדיק קיין גענויע ידיעות וועגן דער צאָל און עלטער פון די לעבעדיקע.

אַנדערע סטאַטיסטיקער שטעלן זיך געוויינלעך ווייניק אָפּ אויף דער דאָזיקער פראַגע. צ. ב. אויערבאַך אין זיין אינטערעסאַנטער אַרבעט (צ. פ. ד. 11—10 №№, 1908), צו וועלכער מיר וועלן זיך נאָך אומקערן, ווייזט אויף אָן, אַז אין בודאַפּעשט איז די שטערבלעכקייט ביי די ייִדישע מענער שטאַרקער, ווי ביי די פרויען. בעת אויף 1000 לעבנדיקע מענער קומט אויס פרויען

אין עלטער פון 0—15 יאָר — 949
" " 15—50 " — 896
" " העכער ווי 50 " — 947

איז אויף 1000 געשטאָרבענע מענער געווען פרויען אין זעלבן עלטער: 825, 778, 799.

## II. עלטער.

אַריינטראַכטנדיק זיך אין דער טאַבעלע VI און צעטיילנדיק זי אויף צוויי פּאַרקירצטע, טאַב. VIIa און VIIb, קענען מיר באַמערקן צוויי אינטערעסאַנטע ערשיינונגען:

טאַב. VIIa.

אויף 100 געשטאָרבענע זיינען געווען אין עלטער פון:

| יאָרן | 1—0 | 5—0 | יאָרן | 1—0 | 5—0 |
|---|---|---|---|---|---|
| 1911 | 23,0 | 34,3 | 1916 | 8,2 | 17,8 |
| 1912 | 22,3 | 31,6 | 1917 | 5,2 | 15,0 |
| 1913 | 16,8 | 26,6 | 1918 | 4,5 | 16,2 |
| 1914 | 19,1 | 28,2 | 1919 | 8,0 | 14,5 |
| 1915 | 13,7 | 28,8 | 1920 | 10,7 | 22,9 |





א. פון דער טאַבעלע VIIa זעען מיר, אַז אויף 100 געשטאָרבענע קומט אויס פון יאָר צו יאָר ווייניקער געשטאָרבענע פון 0 ביז 1 יאָר און פון 0 ביז 5 יאָר. דאָס באַווייזט נאָך אַמאָל אויף דער לפי־ערכדיקער פאַרקלענערונג פון דער קינדער־שטערבלעכקייט. פאַרשטייט זיך, אַז דערביי מערקן מיר, אַז דער פּראָצענט פון די דערוואַקסענע פאַרגרעסערט זיך.

ב. דער אַנדערער פאַקט, וועלכער איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער ייִדישער שטערבלעכקייט, סיי אין די שלום־יאָרן, סיי אין די מלחמה־יאָרן (ז. טאַב. VII b), איז בכלל דער, אַז אויף 100

טאַב. VIIb. אויף 100 געשטאָרבענע געווען:

| יאָרן | אין עלטער 10-0 | 20-11 | 30-21 | 40-31 | 50-41 | 60-51 | 61—און עלטער. | ס״ה |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1911 | 36,5 | 3,6 | 5.2 | 5,8 | 7,3 | 8,4 | 33,2 | 100,0 |
| 1912 | 33,8 | 4,3 | 5,3 | 4,7 | 7·3 | 9,8 | 34,8 | 100,0 |
| 1913 | 29,9 | 5,4 | 5,7 | 6,1 | 7,4 | 11,0 | 34,5 | 100,0 |
| 1914 | 31,0 | 4,9 | 8,1 | 7,2 | 7,2 | 9,0 | 32,6 | 100,0 |
| 1915 | 32,0 | 4,3 | 6,0 | 6,1 | 7,0 | 9,6 | 35,0 | 100,0 |
| 1916 | 20,7 | 5,9 | 4,4 | 5,1 | 9,1 | 13,4 | 41 4 | 100,0 |
| 1917 | 20,9 | 7,2 | 5,3 | 6,5 | 11,4 | 16,3 | 32,4 | 100,0 |
| 1918 | 26,8 | 9,0 | 9,0 | 6,0 | 10,1 | 13,0 | 26,1 | 100,0 |
| 1919 | 21,2 | 8,2 | 9,3 | 9,0 | 11,3 | 14,3 | 26,7 | 100,0 |
| 1920 | 29,1 | 12,3 | 8,2 | 6,1 | 8,5 | 11,6 | 24,2 | 100,0 |
| ס״ה | **28,2** | **6,5** | **6,6** | **6,2** | **8,7** | **11,6** | **32,2** | **100,0** |
| **1911-1914** | **32,8** | **4,5** | **6,1** | **5,9** | **7,3** | **9,5** | **33,8** | **100,0** |
| **1915-1917** | **24,5** | **5,8** | **5,2** | **5,9** | **9,2** | **13,1** | **36,3** | **100,0** |
| **1918-1920** | **25,7** | **9,9** | **8,8** | **7,0** | **10,0** | **12,9** | **25,7** | **100,0** |

געשטאָרבענע קומט אויס דורכשניטלעך 32.2 פּראָצ. זקנים׳ (עלטער פון 61 יאָר), ד. ה. ניט נאָר ווייניקער, נייערט מערער ווי קינדער ביז 10 יאָר (28,2 פּראָצ.). אין געוויסע יאָרן באַווייזט דאָס אויף דער קליינער צאָל געבורטן און גרויסער שטערבלעכקייט פון אַלטע לייט צוליב הונגער און אַלגעמיינער שוואַכקייט ווי אין די יאָרן 1916 (זקנים נאָכאַמאָל אַזוי פיל געשטאָרבן, ווי קינדער)—1917; אָבער בכל אופן איז דאָס כאַראַקטעריסטיש פאַר דער קליינער קינדערשטערבלעכקייט ביי די ייִדן.

פון טאַב. VII a און פון דער דיאַגראַם נומ. 13 זעען מיר, אַז אין די שלום־יאָרן (1911—1914), מלחמה־יאָרן (1915—1917) און נאָך מלחמה־יאָרן (1918—1920) זיינען די גרייסן פון די דאָזיקע צאָלן פאַרשיידן. אַזוי אין די ערשטע 4 יאָר (נאָרמאַלע) קומט אויס אויף ביידע גרופּעס 2/3 פון אַלע געשטאָרבענע (32,8+33,8=66,6 פּראָצענט); אין די אַנדערע 3 יאָר (מלחמה) קומט אויס אויף די דאָזיקע גרופּעס ווייניקער (24,5+36,3=60,8 פּראָצענט)—

דערפאַר, ווייל שוין אין עלטער פון 51 יאָר איז די שטערבלעכ־קייט געוואָרן גרעסער; און אין די לעצטע 3 יאָר קומט אויס אויף ביידע גרופּן שוין נאָך ווייניקער (51,4=25,7+25,7), פּונקט אַ העלפט פון אַלע געשטאָרבענע, ווייל ס׳קען זיין, אַז טאַקע די צאָל לעבעדיקע זקנים איז געוואָרן ווייניקער.

אָבער אין אַלע דריי פּעריאָדן איז די צאָל געשטאָרבענע קינדער ווייניקער, אָדער לכל־הפּחות גלייך ווי די צאָל געשטאָרבענע זקנים.

אַ גאַנץ אַנדער בילד זעען מיר אין אַנדערע לענדער. אין פּרייסן איז (1876—1885) געווען אויף 100 געשטאָרבענע: קינדער ביז 10 יאָר 51,9 און זקנים פון 60 יאָר 21,3, אין בייערן 52,5 און 24,5, אין עסטרייך 53,2 און 19,6, אין איטאַליע 52,0—21,9. אַפילו אין די לענדער, וואו די קינדער־שטערבלעכקייט איז קליין, פאַלט דאָך אויף דעם ערשטן צענדליק מער טויטע ווי אויף דער גרופּע עלטער פון 60 יאָר. אַזוי אין אָלדענבורג—35,3 און 30,2, אין דער שווייץ—36,0 און 31,4, אין שוועדן—39,3 און 30,9.

אויף דער דאָזיקער אייגנאַרטיקייט פון דער יידישער שטערבלעכקייט־סטאַטיסטיק איז ביז אַהער ווייניק אָנגעוויזן געוואָרן. אמת ניט אומעטום מערקט זיך אַזאַ טיפּ שטערבלעכקייט ביי יידן, אַזוי איז אין לאָנדאָן פאַר די יאָרן 1899—1903 (צייטשר. פאַר דעמאָגר. נומ 9—8, 1906) אויף 100 געשטאָרבענע יידן געווען אין עלטער ביז 10 יאָר 58,1, אין עלטער נאָך 60 יאָר, 34,9, און ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג—אין די זעלבע יאָרן 37,3 און 30,3*), לכן איז דאָ די קינדערשטערב־לעכקייט ביי יידן גרעסער, ווי ביי די קריסטן.

אָבער אויערבאַך (צייטשר. פ. דעמאָג. 1908, ז. 149), אויסרעכענענדיק די צאָל געשטאָרבענע לגבי די צאָל לעבעדיקע, לויט דעם עלטער, ביי יידן און קאַטוילן, פאַר דער שטאָט בודאַפּעשט, גיט זייער אינטערעסאַנטע קרומע, וועלכע ווייזן בולט אויף אַ באַזונדערן טיפּ פון דער יידישער שטערבלעכקייט, אַ דאַנק דער קלענערער קינדערשטערבלעכקייט ביי די יידן.

ס׳לוינט נאָך אַמאָל צו אונטערשטרייכן, ווי דאָס ווייזן די טאַב. VII b און די דיאַגר. 13, ווי די נאָך־מלחמה־יאָרן ווערן מערער ענלעך צו די פאַר־מלחמה־יאָרן אין דעם זין, אַז די ערשטע און די לעצטע צאָלן (ליניעס) גלייכן זיך אויס, אָבער מיט דעם אונטערשייד, וואָס אויף די קינדער־און זקנים־יאָרן קומט אויס אַ סך אַ קלענערער % אין די יאָרן נאָך דער מלחמה, ווי פאַר דער מלחמה.

———

## XI.

אַ געוויסע באַדייטונג פאַר דעם כאַראַקטער פון דער שטערב־לעכקייט גיט אויך דער דורכשניטלעכער עלטער פון די געשטאָרבענע (טאַבעלע VIII). פאַרשטייט זיך, דאָס ווייזט נאָך ניט דעם דורכשניטלעכן עלטער, וועלכן די באַפעלקערונג קען דערגרייכן; דאָס ווייזט אויך ניט די שאַנסן אויף צו דער־לעבן. די דאָזיקע אויסרעכענונג קען נאָר געמאַכט ווערן, ווען מיר האָבן אַ גענויע סטאַטיסטיק פון דער צאָל לעבנדיקע פון יעטווידער עלטער.

אין דער טאַבעלע VIII האָב איך אויסגערעכנט דעם דורכשניטלעכן עלטער פאַר די יאָרן 1911—1915 צוזאַמען און פאַר די יאָרן 1917, 1918, 1919 באַזונדער, צוליב צופעליקע טעכנישע סיבות האָבן מיר ניט דאָ די אויסרעכענונג פאַר די יאָרן 1916 און 1920, צום פאַרגלייך גיבן מיר דאָ נאָך די אַלטע דאַטן (מיינע) פאַר ווילנע אין די יאָרן 1901—1902, לויט אמונה, און ד״ר גרוזענבערגס פאַר 3 פריערדיקע יאָרן פאַר גאַנץ רוסלאַנד.

*) די ציפערן האָב איך אַליין אויסגערעכ.ט.

### טאַבעלע VIII. דער דורכשניטלעכער עלטער פון די געשטאָרבענע.

| יאָר | פון 0 ביז 5 יאָר | | | פון 5 יאָר און עלטער | | | בכלל | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | מענער | פרויען | ס״ה | מענער | פרויען | ס״ה | מענער | פרויען | ס״ה |
| גאַנץ רוסלאַנד . . (ד״ר גרוזנבערג) | — | — | — | — | — | 42,9 | — | — | 22,3 |
| ווילנע 1901-1902 | — | — | 1,14 | — | — | 48,4 | — | — | 26,8 |
| פּראַוואָסלאַוונע . . . | — | — | 1,06 | — | — | 37,0 | — | — | 19,8 |
| קאַטוילן . . . . | — | — | 1,12 | — | — | 49,7 | — | — | 27,0 |
| יידן . . . . . . | — | — | 1,17 | — | — | 50,7 | — | — | 28,5 |
| 1911—1915 | — | — | 1,25 | — | — | 54,05 | — | — | 37,95 |
| 1917 | 1,46 | 1,54 | 1,49 | 50,3 | 49,04 | 49,7 | 42,5 | 42,4 | 42,47 |
| 1918 | 2,13 | 2,44 | 2,24 | 45,3 | 41, 9 | 43,5 | 37,6 | 36,1 | 36,8 |
| 1919 | 1,7 | 1,56 | 1,63 | 45,6 | 45, 2 | 44,8 | 39,8 | 38,1 | 39,0 |

פון דער דאָזיקער טאַבעלע VIII איז צו זען, אַז דער דורכשניטלעכער עלטער פון אַלע געשטאָרבענע, סײ קינדער ביז 5 יאָר, סײ קינדער און דערוואַקסענע איבער 5 יאָר, איז בײ די ווילנער יידן העכער ווי בײ די קריסטן, און די לעצטע 10 יאָר איז ער געווען נאָך העכער, ווי פאַר צעניאָרן.

דער דאָזיקער פאַקט קען נאָר דערקלערט ווערן: א) דורך דער לפי ערך קלײנער שטערבלעכקײט בײ קינדער און ב) דורכדעם, וואָס בײ יידן זײנען דאָ פיל זקנים. למשל, אין 1901—1902 איז דער דורכשניטלעכער עלטער פון די געשטאָרבענע פּראַוואָסלאַוונע כון 5 יאָר געווען נידעריקער (37) ניט נאָר ווי אין גאַנץ רוסלאַנד, נײערט אויך ווי בײ די ווילנער יידן (50,7), זאָגאַר ווי בײ די קאַטוילן (49,7). דאָס דערקלערט זיך, פאַרשטײט זיך, ניט דערמיט, וואָס די פּראַוואָסלאַוונע אין ווילנע האָבן געלעבט ערגער, אָדער מער געהאַט קראַנקהײטן, נאָר פּשוט דערמיט, וואָס אין ווילנע איז אין די שלום-צײטן דער רוב פּראַוואָסלאַוונער באַפעלקערונג באַשטאַנען פון מיליטער און פון װײניק אַלטע לײט. אַזוי איז לויט דער פאָלקסצײלונג פון 1897 געווען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין עלטער פון 20 ביז 29 יאָר: | פּראַוואָס. 58%, | קאַטוילן 17%, | יידן 22%. |
| „ „ „ 60 „ 69 „ „ | 2,4% | „ 5,32% | 4,3% |
| „ „ „ 70 „ 79 „ „ | 1,0% | „ 2,02% | 2,0% |

די פאַרגרעסערונג פון דעם דורכשניטלעכן עלטער פון די געשטאָרבענע קינדער ביז 5 יאָר אין די יאָרן 1917—1919 קען דערקלערט ווערן דערמיט, וואָס די צאָל געשטאָרבענע קינדער אויף 100 געשטאָרבענע בכלל איז געווען, ווי מיר האָבן דאָס געזען פון די פריערדיקע קאַפּיטלען, קלענער ווי אין די שלום-יאָרן.

דער דורכשניטלעכער עלטער פון די געשטאָרבענע פון 5 יאָר אין די יאָרן 1917—1919 איז געווען נידעריקער פון דעם, וועלכער איז געווען פאַר די יאָרן 1911—1915, מן-הסתם דערפאַר, מחמת די באַפעלקערונג איז אַזוי צו זאָגן פרי אַלט געוואָרן און די מענטשן פלעגן שטאַרבן „פאַר דער צײט“.

בכל אופן לאָזט זיך קײן וויכטיקע און עקזאַקטע השערות אויפן יסוד פון די דאָזיקע ידיעות ניט מאַכן.

---

## XII.

דער וויכטיקסטער ווײזער, וועלכער קען צום בולטסטן כאַראַקטעריזירן אין פאָרם פון ציפערן דעם אַלגעמײנעם מצב פון דער באַפעלקערונג, איר באַוועגונג, איז — די לפי-ערכדיקע גרײסן פון דער צאָל געבורטן און געשטאָרבענע. ווי ס'איז צו זען פון דער טאַב. IX (דיאַגר. XXIV), איז די צאָל געבאָרענע אין די נאָרמאַלע יאָרן נאַטירלעך געווען גרעסער, ווי די צאָל געשטאָרבענע. אמת, די פּראָצענטואַלע דיפערענץ אויף פּלוס (+) (אויסגערעכנט אויף 100 געבאָרענע) ווערט וואָס פון יאָר ביסלעכווײז אַלץ קלענער. אין יאָר 1911+33,0, אין יאָר 1912+31,4, אין 1913+27,6; אין 1914 אָבער ווערט די דאָזיקע דיפערענץ שטאַרק קלענער און דערגרײכט בלויז +11,2 פּראָצ.—געוויס צוליב דעם אָנהײב פון דער מלחמה.

אין יאָר 1915 גײט שוין די דיפערענץ אויף מינוס (—) און פאַלט אויף 67%, אין יאָר 1916—אויף 95,1 און אין דעם שרעקלעכן יאָר 1917—אויף 646,2 פּראָצענט. פון 1918 יאָר פאַרבעסערן זיך די באַדינגונגען אין שטאָט, ווי מיר האָבן דאָס שוין



געזען אויך פון די פריערדיקע ציפערן, אָבער די דיפערענץ איז נאָך אַלץ אויף מינוס: אין יאָר 1918—159,5, אין יאָר 1919—83,0, אין יאָר 1920—17,2. ביסלעכווײז אַלזאָ קערט זיך די באַפעלקערונג צוריק צו איר פריערדיקן צושטאַנד, אָבער ער איז נאָך ווײט פון דעם פאַרמלחמהדיקן.

### טאַב. IX. נאַטירלעכע באַוועגונג פון דער יידישער באַפעלקערונג.

| יאָר | געבאָרן | געשטאָרבן | דיפערענץ אויף 100 געבאָרענע |
|---|---|---|---|
| 1911 | 1757 | 1183 | +33,0 |
| 1912 | 1765 | 1211 | +31,4 |
| 1913 | 1502 | 1088 | +27,6 |
| 1914 | 1454 | 1302 | +11,2 |
| 1915 | 1296 | 2165 | —67,0 |
| 1916 | 845 | 1649 | —95,1 |
| 1917 | 483 | 3649 | —46,2 |
| 1918 | 546 | 1417 | —659,5 |
| 1919 | 934 | 1821 | —183,0 |
| 1920 | 1014 | 1189 | —17,2 |

אויב מיר וועלן זיך באַנוצן מיט די אײנציקע ידיעות, וואָס מיר האָבן פאַר דער גאַנצער ווילנער באַפעלקערונג, ד. ה. מיט דער סטאַטיסטיק פון ווילנער מאַגיסטראַט פון דער צווײטער העלפט 1919, באַקומען מיר פאָלגנדיקע דאַטן:

| | געבאָרן | געשטאָרבן | דיפערענץ אויף 100 געבאָרענע |
|---|---|---|---|
| די גאַנצע באַפעלקערונג—חוץ יידן | 955 | 1378 | —44,3 |
| יידן | 383 | 653 | —70,0 |

דאָס באַטײט, אַז אויך די קריסטלעכע באַפעלקערונג אין ווילנע אין דער צווײטער העלפט פון 1919 לײדט נאָך שטאַרק אויף די פאָלגן פון דער מלחמה און האָט נאָך אַ דעפיציט אויף יעדע 100 געבאָרענע 44,3, אָבער בײ די יידן איז דער דאָזיקער דעפיציט אַ גרעסערער—70,0%, ד. ה. די לאַגע פון די יידן איז מסתמא אַן ערגערע.

ס'איז אויך אינטערעסאַנט צו פאַרגלײכן אײניקע אַנטשפּרעכנדיקע ידיעות, וועלכע מיר געפינען אין אָקאָרשט ערשינענעם זײער אינטערעסאַנטן בוך: Rocznik Statystyki Rzeczypospolitej Polskiej Rok wydania I. 1920/21 Cześć 1.

דאָ געפינען מיר (ז. 301), אַז (די ציפערן זײנען שײך בלויז די קאַטוילן) אויף 100 געבאָרענע זײנען געשטאָרבן:

| | י אָ ר | געשטאָרבן | דיפערענץ*) |
|---|---|---|---|
| אין גאַנץ געוועזענעם קאָנגרעס-פּוילן | 1913 | 53,4 | 46,6+ |
| | 1914 | 60,8 | 39,2+ |
| | 1915 | 102,7 | 2,2— |
| | 1916 | 87,7 | 12,3+ |
| | 1917 | 101,2 | 1,2— |
| | 1918 | 115,9 | 15,9— |
| אין שטאָט וואַרשע | 1913 | 71,6 | 28,4+ |
| | 1914 | 78,0 | 22,0+ |
| | 1915 | 118,3 | 18,3— |
| | 1916 | 172,2 | 72,2— |
| | 1917 | 357,1 | 257,1— |
| | 1918 | 293,1 | 193,1— |

*) אויסגערעכנט פון מיר.

מיר זעען אַלזאָ, אַז אין די פּאַר מלחמה-יאָרן איז הן אין גאַנץ געוועזענעם קאָנגרעס-פּוילן, הן אין וואַרשע דער נאַטיר-לעכער צוואַקס פון דער באַפעלקערונג געוועזן אַ פּאָזיטיווער — אין לאַנד אַ שטאַרקערער, אין שטאָט אַ שוואַכערער. פון 1915 ווערט די דיפערענץ צווישן דער צאָל געשטאָרבענע און געבאָרע-נע אַ נעגאַטיווע (מינוס), אָבער אין שטאָט אַ סך שטאַרקער, דאָך איז די דאָזיקע דיפערענץ אין די יאָרן 1915—1917 ביי די קאַ-טוילן אין וואַרשע געווען אַ קלענערע, ווי ביי די יידן אין ווילנע.

אפילו פּעטערבורג האָט ניט איבערגעיאָגט אין דעם פּרט די ווילנער יידישע באַפעלקערונג; בלויז די פאַרטיילונג לויט די יאָרן איז אַן אַנדערע.

אַזוי געפינען מיר אין דער אָפיציעלער רוסישער אויסגאַבע

Материалы по статистике Пэтрограда. Вып. 1-й
Петроград 1920

אָט וועלכע ידיעות (מיר גיבן נאָר אַ פאַרקירצטן טייל):

| י אָ ר | געבאָרן | געשטאָרבן | דיפערענץ אויף 100 געבאָרענע*) |
|---|---|---|---|
| 1911 | 56,986 | 41,635 | 27,1+ |
| 1912 | 56,039 | 45,957 | 18,1+ |
| 1913 | 56,155 | 45,446 | 19,1+ |
| 1914 | 55,460 | 47,597 | 14,2+ |
| 1915 | 51,936 | 52,806 | 1,7— |
| 1916 | 46,188 | 55,980 | 21,2— |
| 1917 | 38,700 | 61,030 | 57,6— |
| 1918 | 22,800 | 64,150 | 181,3— |
| 1919 | 12,428 | 65,347 | 425,8— |

*) אויסגערעכנט פון מיר.

מיר זעען אַלזאָ, אַז בעת אין פּעטערבורג אין די יאָרן פאַר דער מלחמה איז געווען דער נאַטירלעכער צוואַקס+27,1 ביז+19,1 אויף 100 געבאָרענע, איז ער נאָך אויך אין יאָר 1914 געווען+14,2, פון יאָר 1915 באַקומט זיך שוין אַ מינוס, וועלכער ווערט אַלץ גרעסער. אָבער אפילו אין דעם פּאַר פּעטראָגראַד ערגסטן 1919-טן יאָר איז ער דאָך קלענער (425,8), ווי אין ווילנע פאַרן 1917-טן יאָר (646,2).





## XIII.

אַריבערגייענדיק צו דער באַטראַכטונג פון די סיבות, פון וועלכע די ווילנער יידן זיינען פאַר די 10 יאָר געשטאָרבן, מוזן מיר באַמערקן, אַז די ידיעות, אויף וועלכע מיר קענען זיך שטיצן, זיינען די שטאַרב-שיינען, וועלכע ס׳ווערן אַרויסגעגעבן דורך די דאָקטוירים. צום באַדויערן, זיינען די דאָזיקע ידיעות ניט אַלע מאָל ריכטיק, מחמת ניט אַלע דאָקטוירים באַציען זיך גענוג באַוואוסט-זיניק, בעת זיי שרייבן די דיאַגנאָזע ביים אַרויסגעבן אַ מתים-צעטל, ניט ריידנדיק שוין פון די פאַלן, בעת די דיאַגנאָזע איז באמת שווער צו שטעלן, אָדער איז לגמרי אומבאַקאַנט.

נאָך אין 1871 האָט ווירכאָוו („בערלינער קליניש װאָכענ-שריפט") זיך באַקלאָגט אויף דעם פאַקט בזה-הלשון: „ס׳איז באמת אַ געזעלשאַפטלעכער אומגליק, וואָס אַזוי פיל חברים אין דעם מאָ-מענט, ווען זיי שרייבן איין וואָרט, גיבן זיי זיך ניט אָפּ קיין חשבון אין דעם, אַז אָדער זיי לייגן דערמיט דעם יסוד פאַר דער ווייטערדיקער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, אָדער זיי האַקן אונטער דעם דאָזיקן יסוד". פאַרשטייט זיך, אַז קעגן דעם האָבן מיר גאָר ניט געקענט מאַכן.

אין אונזערע 5 דאָפּלט-טאַבעלן X—XIV האָבן מיר ניט אָנגעוויזן יעטווידע קראַנקהייט באַזונדער, ווייל אונזער אַרטיקל איז דאָך ניט קיין ריין מעדיצינישער, נאָר מיר האָבן אַלע קראַנקהייטן צעטיילט אין 10 גרויסע גרופּעס: 1) קלעפּיקע קראַנקהייטן. דאָ זיינען באַזונדער אויסגעטיילט געוואָרן די אַקוטע קלעפּיקע קראַנקהייטן און די איינציקע כראָנישע — טובערקולאָז. 2) קראַנקהייטן פון די שפּייז-אָרגאַנען (מאָגן, געדערים, לעבער, אַפּענדעציט, בראָכן, בויכ-פעלאַנטצינדונג וכדומה) הן אינערע, הן כירורגישע. 3) קראַנק-הייטן פון די אָטעמאָרגאַנען (לונגענאַנטצינדונג, לונגענעמפי-זעם, ריפּנפעלאַנטצינדונג וכדומה). 4) האַרץ און געפעס-קראַנק-הייטן (האַרצפעלער, האַרצאַנטצינדונג, פאַרקאַלנקונג פון די אָדערן וכדומה) 5) קראַנקהייטן פון די אורינאָרגאַנען (דער עיקר נירנאַנט-צינדונג), בעקן-און פענכער-קאַטאַרן וכדומה). 6) קראַנקהייטן פון נערוונסיסטעם (קאָנוואולסיעס ביי קינדער, מוחאַנטצינדונג, סיי פון שאַרבן סיי פון חוט-השדרה, פּסיכישע קראַנקהייטן, חולי-נופלים וכדומה). 7) נייבילדונגען (קרעבס סאַרקאָמאַ). 8) בלוטקראַנקהייטן (בלוטפאַרגיפטונגען נאָך אָפּעראַציעס, נאָך קימפּעטן און פון אַנ-דערע סיבות (פּיעמיע, סעפּטיצעמיע), בייזאַרטיקע בלוטאָרימקייט, ווייסע בלוט וכדומה). 9) שוואַכקייט (ביי נייגעבאָרענע, ביי אַלטע, אויסצערונג פון ניט דערעסן וכדומה). אין דער 10-טער גרופּע גייען אַריין אַלע איבעריקע אָדער אומבאַקאַנטע קראַנקהייטן, אויך אומגליקספאַלן ווי אויך הריגות און זעלבסטמאָרדן. אין איינציקע יאָרן זיינען די פאַלן פון הונגער אויסגעטיילט באַזונדער אַלס אונטערגרופּע צו № 9, הריגות און זעלבסטמאָרד אַלס אונטערגרופּע צו № 10, טויטגעבאָרענע זיינען אין די ציפער ניט אַריין.

באַטראַכטנדיק די טאַבעלן פון די סיבות פון דער שטערב-לעכקייט, וועלן מיר זיך קודם-כל אָפּשטעלן אויף די **אַקוטע קלעפּיקע קראַנקהייטן**.

מיר זעען, אַז אין די נאָרמאַלע יאָרן 1911—1914 איז אויף 100 געשטאָרבענע בכלל געווען 4,8 — 5,8 — 7,1 — 6,5; דורכשניט-לעך — 5,9 געשטאָרבענע פון אַקוטע קלעפּיקע קראַנקהייטן, פון די דאָזיקע קראַנקהייטן פאַרנעמט דעם ערשטן אָרט שאַרלאַך (דורכשניטלעך 2,0% פון אַלע געשטאָרבענע) און אַלערליי טיפוס (1,5%).

אין ערשטן מלחמה-יאָר (דעם יאָר 1914 רעכענען מיר נאָך צו צו די שלום-יאָרן), 1915 דערגרייכט דער דאָזיקער % ביז 12,0, אַדאַנק דער עפּידעמיע פון **דיזענטעריע** (4,0%) און **כאָלערע** (3,75),

טאַב. X.

| קראַנקהייטן | 1911 עלטער 10—0 | 20—11 | 30—21 | 40—31 | 50—41 | 60—51 | 70—61 | 80—71 | 81 און עלטער | אומבאַקאַנט | בסך-הכל | פּראָצענט | 1912 עלטער 10—0 | 20—11 | 30—21 | 40—31 | 50—41 | 60—51 | 70—61 | 80—71 | 81 און עלטער | אומבאַקאַנט | בסך-הכל | פּראָצענט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| I קלעפּיקע קראַנקהייטן: — — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 57 | 4.88 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 61 | 5.00 |
| 1 טיפוס — — — — | 3 | 5 | 5 | 4 | 1 | — | 2 | — | — | — | 20 | 1.70 | — | 6 | 1 | — | 2 | 2 | 1 | — | — | — | 12 | 1.00 |
| 2 דיזענטעריע — — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 0.08 | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 0.08 |
| 3 קרופּ און דיפטעריט — | 6 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 6 | 0.50 | 9 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 9 | 0.75 |
| 4 כאָלערע — — — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| 5 סקאַרלאַטינע — — | 18 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 18 | 1.50 | 26 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 26 | 2.10 |
| 6 פּאָקן — — — — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 0.08 |
| 7 קאָקליוש, רויז און אנד. | 7 | — | 1 | 2 | — | — | — | 2 | — | — | 12 | 1.00 | 8 | — | 1 | — | 2 | — | — | — | — | 1 | 12 | 1.00 |
| 8 גריפּ — — — — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| 9 טובערקולאָז — — — | 42 | 5 | 11 | 12 | 13 | 11 | 2 | 1 | 1 | — | 98 | 8.30 | 29 | 5 | 13 | 11 | 14 | 7 | 3 | 2 | 1 | — | 85 | 7.00 |
| II קראַנקהייטן פון די שפּייז-אָרגאַנען — — — | 102 | 4 | 5 | 4 | 7 | 7 | 13 | 5 | 2 | 2 | 151 | 12.80 | 99 | 5 | 7 | 7 | 10 | 7 | 7 | 8 | 1 | — | 151 | 12.50 |
| III קראַנקהייטן פון די אָטעם-אָרגאַנען — — — | 112 | 9 | 6 | 12 | 20 | 16 | 43 | 27 | 12 | 1 | 258 | 21.87 | 106 | 5 | 2 | 6 | 13 | 36 | 41 | 41 | 6 | — | 256 | 21.10 |
| IV האַרץ- און געפעס-קראַנקהייטן — — — — | 4 | 3 | 6 | 9 | 9 | 24 | 28 | 22 | 4 | — | 109 | 9.20 | 10 | 7 | 11 | 9 | 17 | 29 | 42 | 32 | 6 | — | 163 | 13.50 |
| V קראַנקהייטן פון די אורינ-אָרגאַנען — — — | 9 | 1 | 2 | 1 | 10 | 13 | 11 | 8 | — | — | 55 | 4.66 | 11 | 3 | 3 | 4 | 11 | 14 | 12 | 1 | 2 | 1 | 62 | 5.12 |
| VI נערוון- און מאַרכקראַנקהייטן — — — — | 4 | 5 | 16 | 13 | 12 | 6 | 8 | — | 1 | 2 | 67 | 5.60 | 15 | 9 | 10 | 14 | 9 | 8 | 5 | 5 | — | — | 75 | 6.20 |
| VII נייבילדונגען (ראַק, סאַרקאָמאַ) — — — — | 1 | 1 | — | 16 | 16 | 19 | 28 | 11 | 3 | — | 105 | 8.90 | — | — | 2 | 2 | 5 | 18 | 22 | 12 | 1 | — | 62 | 5.12 |
| VIII בלוט-קראַנקהייטן — — | 6 | 2 | 4 | 3 | — | 2 | 5 | 6 | — | — | 28 | 2.30 | 3 | 4 | 4 | 3 | 3 | 2 | 3 | 1 | — | — | 23 | 1.90 |
| IX שוואַכקייט — — — — | 114 | — | — | — | — | 4 | 27 | 69 | 39 | — | 233 | 19.75 | 93 | — | — | — | — | 2 | 28 | 86 | 40 | — | 249 | 20.55 |
| הונגער — — — — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| X אומגליק-סיבות — — — | 4 | 2 | 1 | — | — | — | 1 | 1 | — | — | 9 | 0.77 | 5 | — | 1 | 1 | 2 | — | — | — | — | — | 9 | 0.75 |
| זעלבסטמאָרד — — — | — | 4 | 2 | — | 1 | 1 | — | — | — | — | 8 | 0.70 | — | 3 | 4 | — | 2 | — | — | — | — | — | 9 | 0.75 |
| הריגות — — — — | — | 1 | 1 | 1 | 1 | — | — | — | — | 1 | 5 | 0.37 | — | — | 1 | 2 | 3 | — | — | — | — | — | 6 | 0.50 |
| בסך הכל | 433 | 42 | 60 | 77 | 90 | 103 | 168 | 152 | 62 | 6 | 1183 | 100.00 | 416 | 47 | 60 | 59 | 93 | 125 | 164 | 188 | 57 | 2 | 1211 | 100.00 |

טאַב. XI.

| קראַנקהייטן | 1913 עלטער 10—0 | 20—11 | 30—21 | 40—31 | 50—41 | 60—51 | 70—61 | 80—71 | 81 און עלטער | אומבאַקאַנט | בסך-הכל | פּראָצענט | 1914 עלטער 10—0 | 20—11 | 30—21 | 40—31 | 50—41 | 60—51 | 70—61 | 80—71 | 81 און עלטער | אומבאַקאַנט | בסך-הכל | פּראָצענט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| I קלעפּיקע קראַנקהייטן: — — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 78 | 7·17 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 85 | 6·55 |
| 1 טיפוס — — — — | 1 | 5 | 1 | 3 | 3 | 1 | 2 | — | — | — | 16 | 1·50 | 3 | 8 | 7 | 2 | 1 | 3 | 2 | — | — | — | 26 | 2·00 |
| 2 דיזענטעריע — — | 6 | 2 | 1 | 1 | — | 1 | — | — | — | — | 11 | 1·01 | 13 | 3 | 1 | 2 | — | 2 | — | 3 | — | — | 24 | 1·85 |
| 3 קרופּ און דיפטעריט — | 6 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 6 | 0·50 | 9 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 9 | 0·70 |
| 4 כאָלערע — — — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| 5 סקאַרלאַטינע — — | 31 | 3 | — | — | — | — | — | — | — | — | 34 | 3·15 | 17 | 2 | — | — | — | — | — | — | — | — | 19 | 1·46 |
| 6 קאָקליוש, רויז און אנד. | 3 | — | — | — | 1 | 1 | 2 | 3 | — | 1 | 11 | 1·01 | 3 | — | 1 | — | 1 | 1 | — | — | — | — | 6 | 0·46 |
| 7 פּאָקן — — — — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 0·08 |
| 8 גריפּ — — — — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| 9 טובערקולאָז— — — | 42 | 16 | 17 | 10 | 8 | 13 | 5 | 3 | — | — | 114 | 10·50 | 35 | 8 | 23 | 17 | 17 | 12 | 9 | 6 | 1 | — | 128 | 9·85 |
| II קראַנקהייטן פון די שפּייז-אָרגאַנען — — — | 66 | 6 | 4 | 5 | 7 | 11 | 4 | 7 | 1 | — | 111 | 10·21 | 94 | 6 | 5 | 6 | 9 | 5 | 11 | 6 | — | — | 142 | 10·90 |
| III קראַנקהייטן פון די אָטעם-אָרגאַנען — — — — | 72 | 6 | 8 | 3 | 14 | 22 | 41 | 18 | 4 | — | 188 | 17·25 | 120 | 3 | 6 | 8 | 22 | 30 | 33 | 30 | 9 | — | 261 | 20·00 |
| IV האַרץ- און געפעס-קראַנקהייטן — — — — — | 4 | 5 | 7 | 10 | 13 | 25 | 43 | 28 | 15 | 1 | 151 | 13·85 | 4 | 7 | 7 | 10 | 11 | 28 | 32 | 24 | 14 | — | 137 | 10·54 |
| V קראַנקהייטן פון די אורין-אָרגאַנען — — — — | 11 | 4 | 4 | 5 | 12 | 6 | 13 | 9 | 1 | — | 65 | 6·00 | 9 | 4 | 6 | 8 | 7 | 10 | 20 | 10 | 2 | — | 76 | 5·84 |
| VI נערוון- און מאַרכקראַנקהייטן — — — — — | 19 | 6 | 10 | 13 | 8 | 15 | 2 | 7 | — | — | 80 | 7·35 | 12 | 6 | 20 | 17 | 10 | 8 | 12 | 6 | 2 | 2 | 95 | 7·30 |
| VII נייבילדונגען (ראַק, סאַרקאָמאַ) — — — — | — | 2 | — | 3 | 10 | 18 | 22 | 14 | 2 | — | 71 | 6·52 | — | 1 | 2 | 5 | 10 | 21 | 26 | 13 | 1 | — | 79 | 6·06 |
| VIII בלוט-קראַנקהייטן — — | 3 | 1 | 2 | 3 | 1 | 4 | 2 | 1 | — | 1 | 18 | 1·65 | 8 | 7 | 9 | 7 | 2 | 1 | 5 | 4 | — | 1 | 44 | 3·40 |
| IX שוואַכקייט און אַנד.— — | 61 | — | — | — | — | — | 17 | 61 | 41 | — | 180 | 16·55 | 69 | 1 | 9 | 4 | 6 | 1 | 22 | 59 | 43 | 3 | 217 | 16·75 |
| הונגער — — — — | — | — | — | 1 | 1 | — | — | — | — | — | 2 | 0·19 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| X אומגליקסיבות — — — | 4 | — | 3 | 1 | — | 4 | — | 1 | — | — | 13 | 1·20 | 2 | 5 | — | 3 | 2 | 3 | 2 | 1 | 1 | 6 | 25 | 1·90 |
| זעלבסטמאָרד — — — | — | 1 | 5 | 7 | 4 | — | — | — | — | — | 17 | 1·56 | — | 2 | 3 | 1 | — | — | — | — | — | — | 6 | 0·46 |
| הריגות — — — — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 6 | — | 1 | — | — | — | — | — | 7 | 0·45 |
| בסך הכל | 329 | 57 | 62 | 65 | 82 | 121 | 153 | 152 | 64 | 3 | 1088 | 100·00 | 398 | 64 | 105 | 90 | 99 | 125 | 174 | 162 | 73 | 12 | 1302 | 100·00 |

הירש אַבּראַמאָוויטש.

# די דייטשן אויף די ערטער.

## I. די פלאָגן פון די פּלטים.

נאָכן פאַלן פון קאָוונע אין יאָר 1915, האָט דער גאַנצער צפון=מערבדיקער קאַנט פון רוסלאַנד פאָרגעשטעלט אַ גרויזאַם בילד פון דם ואש ותמרות עשן. די דייטשן האָבן געשפּאַרט אויף די אָפּטרעטנדיקע רוסישע חיילות. די לעצטע זיינען אײליק געגאַנגען אויף צוריק, זיך אָפּהאַלטנדיק נאָר צייטווייליק, כּדי די הויפּט=כּוחות צו געבן אַ מעגלעכקייט אָפּצוטרעטן אין אַ געוויסער אָרדענונג. די באַפעלקערונג האָט מען געטריבן צו מאַכן אָקאָפּעס; גלייכצייטיק האָט מען ביים אָפּטרעטן אין אַ כך ערטער געהייסן אַלעמען אַרויספאָרן. מען האָט זיך געפּלייסט, אַז פאַרן „דייטש" זאָלן ניט בלייבן קיין שום דערנערונגס=מיטלען און הייזער אויף צו ווינטערן. דעריבער האָט זיך דאָס אָפּטרעטן פון די רוסן באַצייכנט מיט שרפות פון ישובים, דערפער און אפילו גאַנצע שטעטלעך.

איבערהויפּט איז דאָס בילד געווען שרעקלעך ביינאַכט: פון אַלע זייטן איז געווען רויט דער הימל. צווישן די רוסישע חיילות האָבן זיך געפּלאָנטערט אין די גרעסטע פּלאָגן פּלטים, מיט אָן אַ צאָל פורן, געפּאַקט מיט בעבעכעס און פאַרשיידענע שטובּ=חפצים. אַ סך האָבן געטריבן מיט זיך בהמות, שעפּסן, חזרים, וועלכע פלעגן פון הונגער שרייען. דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַ טייוולאָ ישע מוזיק, אויסגעמישט מיט די דונערן פון האַרמאַטן, שיסעריי פון ביקסן און געיאָמער פון מענטשן, דערהויפּט קינדער און פרויען.

קיינער האָט ניט געהאַט די מינדסטע פאָרשטעלונג, וואוהין צו פאָרן און וואָס צו טאָן. לכתחילה האָט מען גערעכנט, אַז מען קען זיך וואו עס איז אויסבאַהאַלטן „אָן אַ זייט", עד יעבר זעם, אין די זומפּן, וועלדער און טאָלן, וואָס ליטע פאַרמאָגט, און דערנאָך ווען ביידערליי חיילות וועלן דורכלויפן, וועט מען זיך קענען צוריק אומקערן אויף די ערטער, „אַהיים". דאָס איז אָבער געווען אַ גרויסער טעות, ווייל גראָד אָט די פאַרוואָרפענע ווינקעלעך, וואו אין די בעסטע צייטן האָט מען ניט געקענט דורכפאָרן און דורכגיין, זיינען געוואָרן אַרענעס פאַר די פאַרעקשנטסטע געשלעגן. עס איז ניט געווען קיין אָרט, וואו עס זאָל ניט האָגלען מיט גראַנאַטן און קוילן. די 100 טויזנטיקע חיילות האָבן זיך געקייקלט ווי כוואַליעס, וואָס פאַרפּליצן אַלץ אויף זייער וועג. און ניט איינער פון דער ציווילער באַפעלקערונג האָט געכוונען דעם טויט זיך באַהאַלטנדיק אין די העקן פון די וויסטע ערטער.

דער באַפעלקערונג איז אויסגעקומען פון בריק אין וואַסער: פאַרבלייבן אין דער היים איז געווען אוממעגלעך, ווייל אויסער דער כויט=סכנה — פלעגן אַלע בנינים גלייך ווערן פאַרנומען פון מיליטער, און אין אַזאַ מהומה האָט יעדער סאָלדאַט גענומען, וואָס עס איז נאָר געווען אונטער דער האַנט; אַוועקפאָרן פון דער היים האָט אָבער באַטייט אַ פולשטענדיקן אונטערגאַנג פון דער באַלעבאַטישקייט און אַ זומבאַוואוסטן צושטאַנד פון נע־ונד. דאָך האָט מען דאָס=רוב ניט געקענט פאַרבלייבן צוליב דעם האָגל פון גראַנאַטן און קוילן.

און אַזוי=אַרום האָבן זיך געבילדעט דריי מחנות: צוויי אָרגאַניזירטע, דייטשן און רוסן, און איינע פון די פאַרוואָגלטע, וואָס פלעגט זיך וואַרפן אויף אַלע זייטן, ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן און וואוהין צו פאָרן.

טויזנטער פורן, געפּאַקטע מיט פרויען, קינדער און זקנים און צענדליקער טויזנטער פוסגייער און אָנצאָליקע בהמות האָבן „פאַרשטאָפּט" אַלע וועגן און פלעגן אָפּט זיין אַ שטער פאַר דער באַוועגונג פון די אָפּטרעטנדיקע חיילות. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט זיך מיט זיי ניט גערעכנט און זיי זיינען געווען די ערשטע כּפּרה ביי וועלכער=עס איז מהומה, אָדער העפטיקער אָנגרייפונג מצד די דייטשן.

ביינאַכט, הגם ניט אַלע מאָל, פלעגט מען זיך אָפּשטעלן אויף פעלדער, לאָנקעס, אין וועלדער, גראָבן קאַרטאָפל, פיטערן אויף דער ניט=אָפּגעשניטענער תּבואה און מאַכן פון אַלץ אַ „פּאַסיקע". צום אומגליק זיינען געווען דאַמאָלסט שטאַרקע גוסרעגנס אַ דאַך פלעגט מען קענען באַקומען זייער זעלטן. אפילו זויגקינדער פלעגן צענעצט ווערן ביזן לייב. קראַנקהייטן האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן, הגם עס איז כּדאי צו באַמערקן אָט וועלכע פּסיכאָלאָגיש=פיזישע ערשיינונג: מענטשן קרענקלעכע האָבן פאַרגעסן אָן זייערע שלאַפקייטן און פלעגן „מיטהאַלטן", ניט פילנדיק די מחלות, גיין צופוס, עסן אַלץ („הלוואי וואָלט נאָר געווען וואָס!").

## II. די לאַגע פון די יידן.

אַ באַזונדערע לאַגע האָבן צווישן די פאַרוואָגלטע פאַרנומען די יידן. די לופט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט שנאה, האס און די באַקאַנטע באַשולדיקונגען אין שפּיאָנאַזש און דייטשפריינדלעכקייט. — אַלע גויים זיינען געווען דערין איבערצייגט. עס האָבן זיך געהאַלטן פעסטע קלאַנגען, אַז די קאָזאַקן וועלן פאַרטיליגן אַלע יידן און אַלנפאַלס אָנטאָן זיי די גרעסטע עינויים. די ווירקלעכקייט האָט געגעבן גענוג באַווייזן דערויף און דעריבער האָבן די קריסטן אונטערוועגנס געווייכט פון די יידן, אַפילו גוטע באַקאַנטע האָבן דאָס געטאָן זאָגנדיק, אַז וואו מ'וועט געפינען אַ יידן צוזאַמען מיט קריסטן וועט מען אַלעמען „גלייך דערשיסן". זייער שווער איז דעריבער געווען פאַר די יידן צו קריגן אַ נאַכטלעגער ביי די פּויערים. די יידן האָבן זיך געהאַלטן באַזונדער אויף די פעלדער און לאָנקעס. דאָך דאַרף מען קאָנסטאַטירן, אַז עס זיינען געווען אויסנאַמען און היבשע קריסטן האָבן אַרויסגעוויזן די גרעסטע פריינדלעכקייט צו די יידישע פּלטים. —

די מיליטערישע מאַכט האָט זיך אומעטום אַרויסגעשטעלט שאַרף

אַנטיסעמיטיש. אָט קומען אָן אין אַ שטעטל די לעצטע רוסישע אָפּטיילונגען. „אַ! יידן, איר וואַרט אויף די דייטשן“.—דאָס זייַנען געווען די ערשטע ווערטער, מיט וועלכע די עלטערע מיליטערלייט פלעגן באַגעגענען די יידישע פאָרשטייער אויף זייער אָנפראַגע, וואָס צו טאָן. וועגן די פּראָסטע סאָלדאַטן איז דאָך שוין אָפּגערעדט. אויף יעדן טריט האָבן זיי ניט אויפגעהערט צו שרייען „זשידעס, שפּיאָנען“ וכדומה. אין איין מיר באַקאַנטן פאַל נאָר האָט מען אַ ביסל געענדערט די באַציאונג. אין שטעטל וויסאָקי־דוואָר האָבן די יידן געשיקט אַ אַלאונטערטעניקסטע טעלעגראַמע צום קייזער וועגן „שענקען אַ נצחון איבערן שונא“. דערויף האָט דער רב דורכן גובערנאַטאָר באַקומען אַ דאַנק אין פאָרם פון אַ אָפיציעלן פּאַפּיר. ביים רב איז ער געווען אייַנגעפּאַסט אין אַ ראַם און געהאַנגען אויף דער וואַנט.

ווען אַהינצו זייַנען אַריין אָפיצירן און פאַרנומען אַלע צימערן, האָט דער רב געבעטן, אַז דעם צימער זאָל מען ניט פאַרנעמען.

אויף אַזאַ „חוצפּה“ האָט מען, פאַרשטייט זיך, געוואָלט שאַרף רעאַגירן. ווען עס איז אָבער קלאָר געוואָרן צוליב וואָס דער רב האָט עס געבעטן—האָט מען גלייך געענדערט די באַציאונג און דעם צימער באַפרייט.

די יידן האָט מען שוין ניט געצוואונגען צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און עס ניט אונטערגעצונדן, ווי מען האָט געהאַט לכתחילה פאַראָרדנט.

דאָך זייַנען כמעט אַלע יידן מיטן רב אַרויסגעפאָרן, איבערלאָזנדיק דעם גרעסטן טייל האָב און גוטס אויף גאָטס באַ־אָט*).

טרויעריק איז געווען די לאַגע פון די, וועלכע מען האָט שוין איינמאָל אַרויסגעטריבן פון סוואַלקער און קאָוונער גוב.—בּרענגענדיק אין די שכנישע שטעטלעך פון ווילנער גוב. זייערע סחורות און שטוביקע זאַכן. אַלץ האָט מען ניט געקענט מיטנעמען און מען האָט דאָס באַהאַלטן אין קעלערס אָדער פאַרגראָבן. דאָס האָט אויך געגעבן שטאָף פאַר העצערייען: „מען באַהאַלט פאַר די דייטשן“.

עס פלעגן פאַרבלייבן נאָר געציילטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך אַנטשלאָסן בעסער צו ריזיקירן אין דער היים, איידער זיך וואַלגערן און ווערן פאַרוואָגלט. אין וועג פלעגן די פערד, אָנגעמאַטערטע און ניט דערעסענע, אָפּט צושטיין און דעריבער האָט מען אַ טייל זאַכן, וואָס זייַנען שוין געלעגן אויף די וועגנס, איבערגעלאָזט ביי פּויערים, פאַרשטייט זיך אויף הפקר.—

דערפאָרנדיק צו אייזנבאַן־ליניעס, אויף וועלכע עס איז נאָך אָנגעגאַנגען אַ באַוועגונג,—האָבן אַ טייל פאַרקויפט פאַר „גאָרנישט“ די פערד מיט די וועגן און געפאָרן קיין רוסלאַנד. אַ גרעסערער טייל האָט „געצויגן“ צו ווילנע, רעכענענדיק, אַז דאָרטן וועט מען קענען ווי עס איז „איבערזיין“ דעם איבערבייט פון דער מאַכט און דערנאָך וועט מען זיך אומקערן אַהיים.—

שוידערלעך איז געווען די לאַגע פון די עטלעכע יידן, וואָס זייַנען פאַרבליבן אין די שטעטלעך. דער טויט האָט געשוועבט איבער זייערע קעפּ פון קוילן און גראַנאַטן און אויסער דעם זייַנען זיי פאַר יעדן קאָזאַק געווען שפּיאָנען און בוגדים, וועלכע מען דאַרף „שיסן ווי הינט“.

און דאָס האָט טאַקע ניט איין מאָל געטראָפן. פאַרשטייט זיך, אַז ווערן באַרויבט איז געווען פון די קלענסטע זאַכן. ביי יעדער באַגעגעניש פלעגט מען גלייך אונטערזוכן און צונעמען געלט, אַראָפּנעמען שטיוול און אַז. וו. קלעפּ האָט אויך ניט געפעלט. עס איז קיין וואונדער ניט, אַז ביי אַזעלכע דערנידערונגען און סכנות האָט מען שוין געוואַרט, אַז די איבערגאַנגסצייט זאָל זיך ענדיקן און עס זאָל שוין טאַקע קומען „דער שפּאַלט“ (ווי מען האָט פאַרשטעלטערהייט גערעדט וועגן די דייטשן: פאָלקס־אויסדרוק—„אַ טייטש מיט אַ שפּאַלט“). און דעם אמת זאָגנדיק, איז „דער שפּאַלט“ אַ־מאָל געווען דער גואל פון טויט, וואָס פלעגט שוין ליגן אויפן נאָז און נאָר על פּי נס איז מען ניצול געוואָרן.

*) דאָס זעלביקע פּאַפּירל האָט זיי געראַטעוועט אין וועג, ווען איין אָפּטיילונג האָט זיי אָנגענומען פאַר „שפּיאָנען“.





## III. די לעצטע שעהן פון די רוסן.

די לעצטע שעהן פאַרן אַוועקגיין, — ווען עס בלייבן נאָר די אַריערגאַרדן—איז דאָך אינגאַנצן הפקר און קיין מאַכט אין דער וועלט, אפילו ביים בעסטן ווילן, קען ניט אייַנהאַלטן די מאַראָדערן. בפרט נאָך ווען עס האַנדלט זיך וועגן יידן, וואָס עס איז גלאַט אַ מצווה אָן זיי, די שונאים פון פאָטערלאַנד, זיך נוקם צו זיין...

אין אַ שטעטל איז דאָ אַ געמויערטער קעלער. די איבעריקע זאַכן, וואָס מען האָט ניט געקענט מיטנעמען האָט מען צונויפגעוואָרפן אַהינצו. אויך באַהאַלטן זיך דאָ די פאַרבליבענע עטלעכע נפשות. עס איז שבת. פון איין זייט שטעטל די דייטשן, פון דער אַנדערער און אין שטעטל גופא—די רוסן. אַ שיסעריי. די יידן ווילט זיך האָבן אַ מנין; איינער גייט אַרויס אויפזוכן אַ צענטן צום מנין. האָט דאָס באַמערקט אַ קאָזאַק און געפונען דעם קעלער מיט די זאַכן מיט די יידן. וואָס דאָס באַטייט האָט ער דאָך שוין ניט איינמאָל געהערט. אַנטדעקט אַ חבריה יידן, וואָס האָבן אָנגעגרייט אַלץ אויף מקבל פּנים צו זיין דעם דייטש. די זאַכן לאָדט מען אויף גיך אין די וועגן, און די יידן ציט מען אַרויס פון קעלער און מ׳פירט אונטערן שטעטל שיסן. מען בינדט זיי די הענט, זיי זאָגן שוין ווידוי. מיט אַמאָל — אַ שטאַרקער אָנגריף פון די דייטשן. די קאָזאַקן באַווייזן ניט אויסצופירן דעם פּסק־דין. מען וואַרפט האַק און פּאַק און מ׳אַנטלויפט. פאַר די יידן איז אָנגעקומען רוח והצלה. מען בענטשט גומל אונטערן האָגל פון קוילן, אַבי ניט אומגעקומען אויף אַ שענדלעכן אופן פון קאָזאַקישע הענט.—

## IV. דער צוריקקער פון די פּליטים.

ווי געזאָגט, האָט דער גרעסטער טייל יידן פון די שטעטלעך דערגרייכט ווילנע און געוואַלגערט זיך דאָ אין די געזעלשאַפטלעכע בנינים, ביי באַקאַנטע, קרובים און אַז. וו. אויפן צווייטן טאָג נאָכדעם, ווי די דייטשן זייַנען אַריין—האָט זיך די גאַנצע מחנה פּליטים אַ לאָז געטאָן אויף לוקישקער פּלאַץ, וואו מען האָט געזאָלט אַרויסגעבן אַלעמען אַרויספאָר־שייַנען אויף אומצוקערן זיך אַהיים. מען קען זיך פאָרשטעלן דעם שרעקלעכן טומל און אומאָרדענונג, וואָס דערביי איז פאָרגעקומען.

צענדליקער טויזנטער מענטשן האָבן ניט געקענט באַפרידיקט ווערן אין איין טאָג אָדער אין צוויי. מען האָט זיך געשטויסן און געשטופּט איבער די קעפּ. די נייגעשאַפענע מיליציע האָט ניט געקענט אייַנשטעלן קיין שום אָרדענונג. אַ סך האָט זיך מיאש געווען צו באַקומען די שייַנען און האָבן אָנגעהויבן צו פאָרן און גיין צו זייערע חרובע היימען אָן אַ ערלויבעניש.

אין די שייַנען איז געווען אָנגעוויזן, אַז מען טאָר ביי די הייםלאָזע ניט רעקווירירן די פערד און די חפצים.

די וועגן זייַנען געווען פאַרנומען מיט די מאַסן פון די דייטשע חיילות, וואָס האָבן נאָך געיאָגט „די רוסן“. אַגב זייַנען די וועגן געווען אין גאַנצן פאַרדאָרבן פון די גראָבנס און אויך פון די גוסרעגנס און אָפט פלעגט מען דאַרפן פאָרן „אַרום און אַרום“, כדי זיך אַרויסצושלאָגן אויף דעם זעלבן וועג, וועלכער איז געווען איבערגעריסן דורך אַ אָקאָפּ. די דייטשע פערד זייַנען דורך די אומענדלעכע גיכע מאַרשן געווען אויסגעמאַטערט ביזן לעצטן גראַד

(און פאַר דער באַפעלקערונג איז דאָס געווען פּלאי פּלאים נאָך דעם אויסזען פון די גוט אויסגעפּאַשעטע פערד פון די רוסישע חיילות).

אויפן וועג פלעגן די דייטשן „אויסבייטן" די פערד ביי די צוריקוואַנדערער און אָפּגעבן זיי פּגירות אָדער אין פולע פאַלן גאָר איינגאַנצן צונעמען. אמת, פּערזענלעך האָט מען קיינעם ניט גערירט. ווען מען פלעגט צונעמען די פור מיט דעם פורמאַן, פלעגט מען דעם לעצטן געבן עסן אויך (דערהויפּט „צוויבאַק").—

אויף די וועגן און די פעלדער האָבן זיך געוואַלגיזרט פאַרשיידענע מיליטערישע מכשירים פון די אָפּגעטראָטענע רוסן: ביקסן, קוילן, באַגנעטן און אַנד. אויך שמוציקע וועש, צעריסענע שטיוול, קעסלען, „פליאַגעס" (אויף וואַסער) וכדומה. אין אַ סך ערטער זיינען נאָך געלעגן דערהרגעטע, ניט קיין באַהאַלטענע סאָלדאַטן, זייער אויסזען האָט געוואָרפן אַ אימה אויף די צוריקקערנדיקע. די דערפער צעבּרענטע, צעראַבירטע. די פעלדער צעטראָטן, אָכּגעפיטערט. בלויז אַ ביסל קאַרטאָפל איז נאָך געבליבן אויף די פעלדער. דעם יאָר איז געווען גראָד אַ געראָטעניש אויף קאַרטאָפל, און מיט קאַרטאָפל האָט מען געלעבט אויפן וועג און נאָכן אומקערן זיך אַהיים.

אין גרעסערע אָדער קלענערע הויפן, וואָס די אייגנטימער האָבן פאַרלאָזט, איבערלאָזנדיק סטאַדעס מיט בהמות און עופות—האָט מען נאָר געפונען גאַנצע קופּעס ביינער. די דייטשן, פאַרהאַלטנדיק זיך אין קאַמף מיט די רוסן, האָבן אַלץ אויפגעגעסן.

מערקווירדיק זיינען אויך געווען די אומגעהויערע מאַסן בייזע פליגן, וועלכע האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין די הייזער. זיי האָבן געהאַט גוואַלדיק גינסטיקע באַדינגונגען אויף צו פאַרמערן זיך אין די קופּעס מיסט, ביינער און בלוט פון די געשאָכטענע בהמות און טיילווייז פון די הרוגים. די פליגן האָבן ממש באַקלעפּט אַלץ אין שטוב און ניט געגעבן די מעגלעכקייט צו עסן, שלאָפן און בכלל צו עטעמען.

אין די הייפלעך, וואו די הייזער זיינען ניט פאַרבּרענט געווען — זיינען זיי אָפט פאַרבליבן אָן פענסטער, טירן. די מעבל צוברענט.

און דאָך זיינען די מענטשן צופרידן געווען, וואָס זיי זיינען אין זייערע אייגענע ווינקלען. לכל-הפּחות אין די ערטער, וואו זיי האָבן פאַרבראַכט דעם גרעסטן טייל פון זייער לעבן. דחקות איז אויסגעקומען אויסצושטיין אָן אַ שיעור. איבערהויפּט האָט זיך געפילט אַ מאַנגל אין זאַלץ. פאַר אַ הייפל זאַלץ האָט מען ממש געקענט באַקומען אַ גאַנצן זאַק קאַרטאָפל אָדער תבואה. און גרויס איז טאַקע געוואָרן די ספּעקולאַציע מיט דעם זאַלץ.

## V. די ערשטע שריט פון די אָקופּאַנטן.

אויף די ערטער איז נאָך דערווייל ניט געווען קיין שפּורן פון דער נייער מאַכט. בלויז אין די גרעסערע שטעטלעך זיינען געווען טעלעפאָניסטן און 1—2 פאָרשטייער פון מיליטער, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט די מאַכט. אָבער די זיינען צו ווייניק געווען באַקאַנט מיט די אָרטיקע באַדינגונגען, אַז זיי זאָלן קענען עפּעס טאָן. און די ערשטע צייט זיינען זיי טאַקע געווען פּאַסיוו. דערפאַר, ווען אין די גרויסע שטעט איז שוין געווען כאַרבאָטן דער פרייער האַנדל און ברויט איז געווען ראַציאָנירט,—האָט מען נאָך אויף די ערטער פון דעם ניט געוואוסט.

די דייטשן האָבן געפּרובט אָרגאַניזירן אַ מין אָרטיקע מיליציע, אָבער זיי האָבן דאָס ערנסט ניט דורכגעפירט. און דאָס איז טאַקע ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן. זיי האָבן, למשל, באַשטימט פאַר „עלטערע" איניקע בעלי-בתים און בעלי-גופים (רייכערע פּויערים). אָבער די לעצטע האָבן ניט געוואוסט זייערע פליכטן און אַגב ניט שטאַרק חשק געהאַט צו „רוקן" זיך. מען האָט געציטערט פאַר דעם „רוס", וועלכער וועט געוויס קומען (קיינער האָט אין דעם ניט געצווייפלט) און זיך נוקם זיין אָן אַלעמען, וואָס האָבן געהאַט עפּעס אַ מגע-ומשא מיט די דייטשן.

איניקע דייטשע דעזערטירן האָבן אויסגענוצט די צייטווייליקע אַנאַרכיע און האָבן זיך אַרויסגעגעבן פאַר „בעהערדע" און גענומען, וואָס דאָס האַרץ געלוסט, דערהויפּט ביי די פּויערים, וועלכע האָבן זיך מיט זיי ניט געקענט צונויפריידן. עס זיינען אָבער געווען פאַלן, ווען מיט דער הילף פון די דעזערטירן האָט זיך די יידן איינגעגעבן אָפּצונעמען די צעראַבירטע זאַכן פון די פּויערים.

## VI. די אָרגאַניזאַציע פון דער נייער מאַכט און די ערשטע פאַראָרדענונגען.

דער צושטאַנד האָט אָבער געדויערט ניט לאַנג, וואו אַ וואָך, וואו צוויי, וואו דריי, העכסטנס.—די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אויף זייער שטייגער תופס צו זיין די לאַגע. אין אַלע ערטער זיינען באַשטימט געוואָרן זשאַנדאַרן, וועלכע האָבן זיך געדאַרפט פאַרנעמען מיט ענינים פון דער ציווילער באַפעלקערונג, ריכטיקער געזאָגט—אויספירן די באַפעלן פון דער מיליטערישער מאַכט צוליב די ספּעציפישע „מלחמה-נוצן", צופּאַסן די באַפעלקערונג צו די צילן און נויטן פון קריג. עטוואָס שפּעטער זיינען באַשטימט געוואָרן „אַמטספאָרשטייער", וואָס האָבן קאָנצענטרירט אין זייערע הענט די גאַנצע מאַכט און דורכגעפירט די צילן פון דער דייטשער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק. דער ווירקונגס-קרייז פון אַמטספאָרשטייערס באַצירק איז געווען אומגעפער אין דער זעלבער גרויס, ווי די פריערדיקע וואָלאָסטן (ביי אַ 10 טויזנט נפשות, היבש פאַרקלענערט צוליב דער מלחמה).

די ערשטע עובדא פון די אַמטספאָרשטייער, איז געווען צונויפרופן אַלע סטאַראָסטעס*) פון זייער באַצירק און אָנזאָגן זיי שטרענג, אַז זיי מוזן אַלע זונטאָג קומען אין שטעטל צום אַמטספאָרשטייער (ביי די יידן און די גויים האָט ער גלייך באַקומען דעם נאָמען אַמפּאַרשטיין: דעם ריכטיקן נאָמען האָט קיינער ניט געקענט אויסריידן). זיי מוזן פּינקטלעך אויספירן די פאַראָרדענונגען און באַפעלן, וואָס זיי וועלן באַקומען פון אים.—

אין אַ סך ערטער האָבן זיך נאָך געוואַלגערט רוסישע הרוגים. די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן זיי געדאַרפט באַערדיקן. די קערפּערס זיינען שוין געווען צעפוילט און צורירן זיך צו די טויטע האָט מען ניט געקענט. דער אַוויר איז געווען אַ שרעקלעכער, דעריבער האָט מען זיי מיט שטאַנגען אַריינגעשטופּט אין די „ברידער-קברים", אויף וועלכע מען האָט געשטעלט ברעטלעך מיט אַ אויפשריפט: „היער רוהען רוססישע קריעגער".

אַקעגן-ושע די דייטשע „קריגער" זיינען גלייך נאָך די שלאַכטן באַערדיקט געוואָרן יעדער באַזונדער מיט אַ גענויער באַצייכענונג אויף אַ גוטן ברעטל פון זיין שטאַנד (לאַנדשטורמיסט, אונטעראָפיציר און אַז. וו.), נאָמען, פאַמיליע און ווען ער איז געפאַלן.—

באַלד איז פאַרבאָטן געוואָרן דער משא-ומתן מיט תבואה. אויך דער אַריבערפאָר פון איין באַצירק אין דעם אַנדערן, שפּעטער פון איין קרייז אין דעם אַנדערן (די קרייזן—די פריערדיקע רוסישע אויעזדן, צעטיילטע אויף 2—3 טייל) אָן ערלויבעניש („שיינען"). און אַזוי האָט אָנגעהויבן אָפּצושטאַרבן דאָס לעבן און דער פאַרקער צווישן די געגנטן.

---

*) די פּויערים האָבן אין דער צייט פון די רוסן געהאַט דאָס רעכט אויסצוקלייבן אַ עלטסטן אין דאָרף (סטאַראָסטע), וועלכער האָט געדאַרפט איבערגעבן די [illegible] יערים די פאַראָרדענונגען, קלייבן שטייערן וכדומה.

## VII. דער פרײַער האַנדל און די ראַציאָנירונג.

בלויז די ערשטע צײַטן האָבן די אָמטספאָרשטײער ערלויבט די אָרטיקע קאָמיטעטן פאַר אָרעמע, יידישע און קריסטלעכע, אײַנצוקויפן אַ געוויסן סכום תבואה, כדי צו פאַרטיילן צווישן דער באַפעלקערונג. די פאָרשטײער פון די קאָמיטעטן פלעגן דערהויפּט זײַן די רבנים און די גלחים, וואָס האָבן באַקומען די פּריווילעגיעס צו פאַרקויפן זאַלץ, צוקער און ליכט, וועלכע זיי פלעגן באַקומען (פאַר געלט) אין די קרייזשטעט פון די קאַנטינעס (מיליטערישע קראָמען), אָדער דירעקט פון די קרייזהויפּטמענער (דאָס זײַנען געווען די פאָרשטייער פון דער מאַכט אין די קרייזשטעט). בײַ אַ $3/4$ יאָר צײַט איז דאָך אין די שטעטלעך ניט אַריינגעפירט געוואָרן קיין ראַציאָנירונג.

אָבער ווען דער מצב פון דערנערונג איז געוואָרן ערגער, האָט מען שוין אָנגעהויבן „צוצוטיילן", אמת, ניט אין דער פאָרם פון ברויט, נאָר אין מעל אָדער קאָרן. און אַז עס איז ניט געווען קיין קאָרן, פלעגט מען געבן האָבער, גערשטן, וויקע. עס זײַנען געווען צײַטן, ווען עס איז ניט געווען וואָס אַרויסצוגעבן — האָט מען גאָרנישט געגעבן. די שטעטלשע באַפעלקערונג פלעגט שוין ווי עס איז מיטן הונגער אויף העלפט זיך אַן עצה געבן: די פּאָרציע איז געווען אַ $1/2$ פונט (אין די בעסטע צײַטן) און $1/4$ אָדער $3/8$ פונט אין די ערגסטע צײַטן פּראָ פּערזאָן און פּראָ טאָג.

## VIII. דער אויספּרעסונגס־אַפּאַראַט

כדי אויסצופּאָמפּען פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך — איז בײַ די אָמטספאָרשטייערס געבילדעט געוואָרן אַ באַזונדערער „ווירטשאַפטס־אויסשוס", — אַ קאָמיסיע, וועלכע האָט געדאַרפט אָנפירן מיט אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו לאַנדווירטשאַפט, כדי וואָס מער צו באַקומען פאַר דעם „פאַטערלאַנד" פּראָדוקטן. אויף דעם איז געווען באַשטימט אַ באַזונדער אונטער־אָפיציר.

די מאָדוסן פון נעמען בײַ די פּויערים די פּראָדוקטן זײַנען אין פאַרשיידענע צײַטן געווען פאַרשיידן... פאַר דעם פלעגט מען אַרויפלייגן אויף דעם אָמטסבאַצירק אַ געוויסן שטייער אין נאַטור אויף אַ געוויסן סכום תבואה פון 8 ביז 10 טויזנט פּוד.

די סטאַראָסטעס האָבן דאָס געדאַרפט פאַרטיילן לויט די דערפער און לויט יעדערנס פאַרמעגן. ווען דאָס האָט ניט געגעבן דעם גאַנצן סכום — האָט מען גענומען מיט צוואַנג און אַ סך מער, וויפיל עס איז געווען באַשטימט. דערנאָך האָט מען אַריינגעפירט אַ געוויסע אָפּשאַצונג פון גערעטעניש. צו דעם ציל פלעגן די מיטגלידער פון „ווירטשאַפטס־אויסשוס" (עטלעכע סאָלדאַטן) אַרומפאָרן און באַקוקן יעדער בעל־הבתישקייט און באַשטימען, וויפיל דאַרף יעדער געבן. אין סעפּטעמבער דאַרף אין די שפּייכלערס פון „ווירטשאַפטס־אויסשוס" אַריינגעפירט ווערן אַן אַוואַנס פון דעם גאַנצן קאָנטינגענט, און אין אָקטאָבער — נאָוועמבער דער גאַנצער קאָנטינגענט. דאָס איז אויך געווען שייך צו קאַרטאָפל. דעם קאַרטאָפל האָט מען געדאַרפט גלייך פון פעלד פירן אויף דער נאָענטסטער באַן־סטאַנציע און לאָדן אין די וואַגאָנען. אויסרעכענען אָבער האָבן די דײַטשן אויסגערעכנט ניט דעם געוויסן פּראָצענט, וואָס מען דאַרף אָפּגעבן, נאָר וויפיל דער פּויער דאַרף האָבן ביז דעם נייעם שניט לויט אַ באַשטימטן ראַציאָן, אומגעפער אַ $1/2$ פונט תבואה אַ טאָג פאַר אַ מענטשן און אַן ערך 1 פונט קאַרטאָפל. — פאַרשטייט זיך, אַז דאָ איז געווען אַ פעלד פאַר הפקרות. גאָר גיך האָט מען זיך אויסגעלערנט אין דעם „באַרבאַרישן לאַנד" צו נעמען שוחד אויפן שטייגער פון רוסישן טשינאָווניק, מיט דער נפקא־מינה, וואָס דעם לעצטן האָט דאָס מחייב



געווען צו פאַרלייכטערן „דעם געזעץ" פאַרן אינטערעסאַנט און דער דײַטש האָט גענומען אָן קיין שום התחייבות און אין אַ גרעסערער מאָס. דער בער, אַז מען פלעגט זיך דערוויסן, אַז בײַ וועמען עס איז פאַרבליבן מער פּראָדוקטן, אויף וויפיל ער האָט רעכט, — האָט מען דאָס אָן שום טענות און מענות רעקווירירט, צונעמענדיק אפילו דאָס, וואָס דער פּויער דאַרף האָבן פאַר זיך.

גאָר גיך האָבן די פּויערים פאַרשטאַנען, אַז מען טאָר קיין איבעריקע און אפילו ניט־איבעריקע ניט האַלטן פון אויבנאויף און אָנגעהויבן אַ ציך צו „פאַרשטעקן". אין די פעלדער און וועלדער האָט מען געגראָבן בײַנאַכט גריבער און געשאָטן קאַרטאָפל. אויף תבואה פלעגט מען מאַכן קאַסטנס, טונען און באַהאַלטן אין היישטרוי, אָדער אויך אין גריבער. די גריבער פלעגט מען פאַראַקערן פון אויבן און אָפּטמאָל אפילו פאַרזייען אָדער פאַרוועצן בײַמלעך, קוסטעס, עס זאָלן ניט בלײַבן קיין שפּורן. נאַטירלעך, ניט אַלע מאָל האָט דאָס געהאָלפן און „גוטע שכנים" פלעגן אַ שושקע טאָן. דער דײַטש האָט שוין געטאָן דאָס זײַניקע: מען פלעגט שיקן אַ פּאַרטיע סאָלדאַטן פון „ווירטשאַפטס־אויסשוס" צו געפינען דאָס באַהאַלטענע אונטער דער ערד.

## IX. דאָס געצאָלט. אייניקע בײַשפּילן פון רעקווירוציעס.

פאַר דעם קאָנטינגענט האָט מען געצאָלט העכסטנס צו 7 מאַרק אַ צענטנער (3 פּוד), בשעת ווען אין דער ווירקלעכקייט איז געווען אין 20—30 מאָל טײַערער. פאַר רעקווירירטע האָט מען גאָרניט געצאָלט.

די דײַטשן האָבן אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט, כדי צו נעמען אַלץ, וואָס בײַם לאַנדווירט איז דאָ. אָט בעט אַ פּאָטער, וואָס האָט אַ זון אין ווילנע, אַ ערלויבעניש בײַם אָמטספאָרשטייער אָוועקצופירן פאַרן זון 2 צענטנער קאַרטאָפל. דער אָמטספאָרשטייער אַנטזאָגט ניט, אָבער ראָט זיך צו ווענדן צום קרייזהויפּטמאַן, וועלכער וועט דאָס זיכער ערלויבן. די בקשה איז אָנגעשריבן געוואָרן אין קאַנצעלאַריע פון אָמטספאָרשטייער און אָפּגעשיקט געוואָרן אָפיציעל. אין עטלעכע טעג אַרום קומט אַ טעלעפאָנישע פאַראָרדענונג: „צונעמען אַלע פּראָדוקטן און דעם גאַנצן קאַרטאָפל בײַם פּאָטער, היות ווי ער האָט איבעריקע צו שיקן פאַרן זון" — און בײַנאַכט טאַקע זײַנען געקומען זשאַנדאַרן און סאָלדאַטן. מען האָט געמאַכט די שטרענגסטע בדיקה (געשטאָכן מיט שפּיזן די קישנס) און געהייסן לאָדן אַלץ, וואָס מען האָט געפונען פון פּראָדוקטן, אויף וועגן און אָפּפירן אין „ווירטשאַפטס־אויסשוס".

די לעצטע צוויי יאָר איז שוין געווען אַזוי שטרענג, אַז ווען מען פלעגט ניט אַריינפירן די תבואה צום טאָג — פלעגן די דײַטשן אָוועקפאָרן מיט אַ דרעשמאַשין אין די שײַערן, אויסדרעשן גאָר די תבואה און צונעמען אויף אַמאָל אַלץ.

דער מיטל איז זיי זייער געפעלן געוואָרן, מחמת ניט קיין געדראָשענע תבואה איז זייער שווער צו באַהאַלטן און דרעשנדיק רעכנט מען זיך שוין ניט מיט קיין נאָרמעס.

כדי די באַפעלקערונג זאָל ניט קענען עסן קיין איבעריקן ביסן — האָט מען צוגענומען בײַ אַלע פּויערים די הויז־מילשטיינער (זשאַרנעס). יעדער האָט געמעגט נאָר מאָלן אין אַ פּאַראויס באַשטימטער מיל לויט אַ ערלויבעניש פון „ווירטשאַפטס־אויסשוס". פאַרשטייט זיך בלויז אַזוי פיל, ווי עס קומט אויס נאָכן ראַציאָן. אַ סך מילן זײַנען אינגאַנצן פאַרמאַכט געוואָרן. דאָרטן, וואו מען האָט געבײַטלט מעל — האָט מען די בײַטלען (אַפּאַראַטן ספּעציעל צום זיפּן די דינע מעל) צוגענומען, און אָן ווייצענע מעל האָט מען טאַקע די גאַנצע צײַט פון דער דײַטשער אָקופּאַציע כמעט

ווי פאַרגעסן. בכלל פאַר ווייץ איז ניט געווען קיין קאָנטיגענט. דאָס האָט מען געדאַרפט אָפּגעבן, וויפיל עס איז אויסגעוואַקסן אינגאַנצן.

## X. מילך, פלייש און אַנדערע פּראָדוקטן.

אַלע איבעריקע פּראָדוקטן זיינען גענומען געוואָרן אונטער אַ שטרענגער קאָנטראָלע.

אין דעם ערשטן ווינטער איז פאַראָרדנט געוואָרן, אַז אַלע באַצירקן מוזן צושטעלן אַ געוויסן סכום פעטס (פוטער און שמאַלץ). אַחוץ ווי ווינטער איז כמעט ניטאָ קיין מילך, האָט איין אַמטספאָרשטייער געשריבן דעם קרייזהויפּטמאַן, אַז די באַפעלקערונג האָט ניט לחלוטין קיין איבעריקע פעטס־פּראָדוקטן און זי נייטיקט זיך אין דעם אַליין. דער אַמטספאָרשטייער איז גלייך באַזייטיקט געוואָרן פון שטעל און אָפּגעשיקט געוואָרן צום פראָנט מיטן אויסרייד, אַז ער דאַרף אויספירן באַפעלן און ניט צושטעלן זיין מיינונג, ווען מען פרעגט אים ניט.

שפּעטער איז איינגעשטעלט געוואָרן, אַז יעדער אייגנטימער פון אַ קו מוז צושטעלן אַלע טאָג דעם סטאַראָסטע איין ליטער גוטע מילך. שפּעטער איז די מאָס פאַרגרעסערט געוואָרן ביז 2 ליטער. די מילך האָט דער סטאַראָסטע געדאַרפט אַלע טאָג צושטעלן אין „ווירטשאַפטס־אויסשוס“, וועלכער האָט אין אַלע שטעטלעך געהאַט „מילכערייען“, וואָס האָבן פון דער מילך געמאַכט קעז און פוטער אין די צענדליקער פודן פער וואָך. ווען עס פלעגט זיך אַרויסווייזן, אַז די מילך איז געפעלשטע (מיט וואַסער) אָדער האָט ניט קיין באַשטימטן % פעטס („אָפּגעשמאַנט“)— האָבן די שולדיקע באַצאָלט גרויסע שטראָף ביז רעקווירירן די קו. ווען מען האָט ניט געקענט פעסטשטעלן, ווער איז דער שולדיקער—האָט געליטן די גאַנצע גמינע, באַצאָלנדיק שטראָף.

אויב ביי וועמען די קו האָט „פאַרריסן“, אָדער קראַנק געוואָרן—האָבן קיין תּרוצים ניט געהאָלפן. אויב זי גיט קיין מילך ניט—כּוזטו זי ברענגען אויף פלייש פאַר מיליטער. אַזאַ ענטפער פלעגט באַקומען יעדערער, וואָס האָט געמאָלדן, אַז די קו גיט קיין מילך ניט. אין הערבסט, ווען די קי גיבן קיין מילך ניט— פלעגט דאָס רעווידירט ווערן און אויף אַ קורצער צייט (אַ חודש־צוויי) פלעגט דער מילך־שטייער אָפּגעלייגט ווערן. אויסער מילך איז אין אַ פולע ערטער געווען איינגעפירט אַ „פוטער־שטייער“— 1 פונט אַ וואָך, ווינטער אַ $^1/_2$ פונט.—

מער ווי איין קו האָט קיינער ניט געטאָרט האָבן. די איבעריקע האָט מען אומברחמנותדיק צוגענומען אויף פלייש. שעכטן בהמות, עגבסן, חזירים און עופות האָט מען ניט געטאָרט אָן אַ ספּעציעלער ערלויבעניש. בכלל האָט מען אַלע אונטערגעהאָדעוועטע בייקלעך און קעלבער צוגענומען אויף פלייש. פון יעדער שעפּס האָט מען געדאַרפט צושטעלן צוויי מאָל אַ יאָר ניט ווייניקער ווי צו פונט וואָל. פון יעדער הון איין איי אַ טאָג. אין אַנדערע שטעטלעך האָט מען איינמאָל אין וואָך געגעבן אַ ערלויבעניש צו קוילן אַ בהמה פאַר דער באַפעלקערונג. האָניק (הגם אין לאַנד איז נאָך די מלחמות כמעט אין גאַנצן חרוב געוואָרן די אין ליטע באַרימטע ווירטשאַפט), האָט מען געדאַרפט אָפּגעבן גאָר. קיין וואונדער ניט, וואָס די באַפעלקערונג האָט געלעבט כמעט ניט ניצנדיק קיין מילך, אייער, פוטער און פלייש. דאָס אַוועקנעמען בהמות (מער ווי איינע, ווי געזאָגט, האָט מען ניט געטאָרט האַלטן) איז געווען אַן אמתע פלאָג פאַר דער באַלעבאַטישקייט. דעם לעצטן יאָר פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט זיך איינגעגעבן צו פועלן, אַז די באַפעלקערונג אַליין זאָל צושטעלן דעם נייטיקן סכום פלייש. די גמינעס האָבן איינגעפירט אַ אויסקויף־אָפּצאָל פון יעדער קו (צו 15—20 רובל), פאַר דעם געלט האָט מען





געשאַפן פלייש. עס זיינען געווען געגנטן רייכערע, וואָס האָבן נאָך פאַרמאָגט איבעריקע בהמות (דאָרטן וואו עס זיינען ניט פאַרגעקומען קיין דויערנדיקע שלאַכטן) און דאָרטן האָט מען געקויפט און געגעבן די דייטשן.

פאַר אַלץ וואָס די דייטשן האָבן גענומען, איז כלומרשט געווען איינגעשטעלט אַ טאַקסע (לויט שלום־פרייזן). צום ביישפּיל 5—10 פעניג אַ ליטער מילך, אָדער דאָסגלייכן אַן איי. אָבער אויך דאָס געלט, אומשטיינסגעזאָגט, איז מערסטנטיילס געבליבן ביי די סטאַראָסטעס און די אַמטספאָרשטייערס. דערצו איז פאַר יעדערן אויסגעקומען אַזאַ נישטיקע סומע, אַז קיינער האָט זיך מיט דעם ניט אינטערעסירט.

כלאַקס, האָנף, זוימען האָט מען געמוזט אָפּגעבן אינגאַנצן. ווען די דייטשן האָבן באַמערקט, אַז די באַפעלקערונג שטעלט עס ניט צו, פלעגט מען מאַכן הויזזוכונגען פון שטוב צו שטוב. דאַמאָלסט האָט מען שוין צוגענומען אַלץ: געוועבטע לייוונט, פאַרשיידענע מעטאַלענע חפצים, וואָל־אויסאַרבעטונגען, שפייז־פּראָדוקטן א. אַז. וו. אַזעלכע הויזזוכונגען פלעגן פאָרקומען גאַנץ אָפט און צוליב פאַרשיידענע טעמים, דערהויפּט נאָכן אַרויסגעבן פאַראָרדענונגען וועגן צושטעלן וועלכע עס איז זאַכן (פעלכלעך, קופּער, חזירהאָר א. אַז. וו.).

די אָקופּאַנטן האָבן געזוכט אַרויסצוציען פון לאַנד דאָס גאַנצע רוּוואַרג, וואָס דייטשלאַנד מיט אירע שותפים האָבן זיך שטאַרק גענייטיקט אין דעם. יעדע זאַך האָט מען געזוכט אויסצונוצן, אפילו אַזוינס, וואָס האָט אויפן ערשטן קוק אַ נישטיקן ווערט.

מען האָט אין אַ סך ערטער געהייסן קלייבן קראָפּעווע; דער שטענגל פון קראָפּעווע האָט אַ דינע הייטל, פון וואָס מען קען מאַכן אַ סאָרט פאָדים. אויף די לאָנקעס אין ליטע וואַקסן אַזעלכע גראָזן, וואָס ביים צייטיק ווערן האָבן זיי אַ מין פוך, האָבן קינדער דאָס געמוזט צושטעלן די דייטשן. טיכלעך, פאַרשיידענע אָפּפאַלן האָט מען אויך געמוזט צושטעלן אין די ספּעציעלע „זאַמלפּונקטן“.

די פערד האָבן ניט געטאָרט האָבן קיין לאַנגע עקן און גריוועס. צוויי מאָל אַ יאָר פלעגט מען זיי אָפּשערן און אָפּגעבן די האָר.

געפאַלענע פערד און בהמות האָט מען ניט געטאָרט פאַרגראָבן, די נבלות האָט מען געמוזט צושטעלן אויף די אוטיליזאַציע־זאַוואָדן אָדער „פאַרוווערטונגס־אַנשטאַלטן“.—

גאָר דאָס אייבס און יאַגדעס פון אַלע סעדער האָט געהערט צו דער מאַכט און דאָס האָט מען ניט געטאָרט פאַרקויפן פּריוואַט. עס זיינען געווען באַשטימט צושטעלער, וועלכע האָבן געדאַרפט צונעמען דאָס גאַנצע אויבס פאַר די מאַרמעלאַדפאַבריקן, וועלכע האָבן געאַרבעט אויסשליסלעך פאַר די באַדערפענישן פון פראָנט. געצאָלט האָט מען פאַר דעם אַלעם שפּאָטביליגע פּרייזן—עפּעס עטלעכע מאַרק אַ צענטנער*).

## XI. מאָביליזאַציעס אויף פערד.

די שווערסטע פּלאָג איז געווען די אָפטע מאָביליזאַציעס פון פערד. אין דער צייט, וואָס בנוגע צו קי האָט מען נאָך געזוכן ניט צוועקצונעמען די לעצטע—איז בנוגע פערד קיין שום ציינ־

*) צום באַדויערן האָב איך ניט געקענט אויסנוצן די מאַטעריאַלן און ציפער, וואָס איך האָב צונויפגעזאַמלט, אין דעם געגעבענעם אַרטיקל שרייב איך לויטן זכרון און אויפן סמך פון פערזענלעכע באַאָבאַכטונגען און שמועסן מיט אייניקע פערזאָנען, ווי הרב בראַז פון וויסאָקי־דוואָר. די מאַטעריאַלן געפינען זיך ביי מיינע עלטערן אויף יענער זייט גרעניץ, אין קאָוונער ליטע, וואוהין איך קען ניט צוקומען שוין מער ווי אַ יאָר. איך בעט מיך דערפאַר ניט שטרענג משפּטן פאַר קליינע טעותן, וועלכע קענען זיין אין ציפער און כראָנאָלאָגיע.

זעעניש ניט געמאַכט געוואָרן. דער איינציקער מאָדוס איז געווען צוצונעמען יעדן פערד, וואָס איז געזונט און טויג פאַר דער אַרמיי. די אייגנטימער פון די פערד האָבן זיי געדאַרפט צושטעלן צום באַשטימטן אָרט, וואוהין עס פלעגט אַראָפּקומען אַ מיליטערישע קאָמיסיע פעסטצושטעלן, וועלכע פערד מען דאַרף רעקווירירן. קיין שום טענות האָבן ניט געהאָלפן. די קאָמיסיע באַשטימט, צו וועלכער קאַטעגאָריע דער פערד געהערט, און לויט די קאַטעגאָריעס ווערט באַצאָלט (צום פּרייז פון שלום=צייט). דערביי פלעגן פאָרקומען האַרצרייסנדיקע סצענעס. די פויערים, דערהויפּט זייערע ווייבער און אפילו קינדער, ווען מען פלעגט ברענגען צו מאָביליזאַציע דעם איינציקן פערד אין זייער באַלעבאַטישקייט, דעם גאַנצן שפּייזער פון דער פאַמיליע, פלעגן זיך איינקלאַמערן אין פערד, זיך אים אָנהענגען אויפן האַלז און ניט לאָזן פירן צו די צוגענומענע, מיט יאָמערייען און קלאָגן. די דייטשן אָבער האָבן ניט האָלט מאַכן שהיות. סאָלדאַטן האָבן שטעקנס און מען שלאָגט מכות=רצח די גאַנצע פאַמיליע, וואָס שטעלט זיך איין פאַרן פערד און שטערט די אָרדענונג.

פון צער און יאוש ווילן די פויערטעס קיין געלט ניט נעמען, נאָר מען שלעפּט זיי אַריין מיט גוואַלד צום שאַצמייסטער (קאַסיר), מען שטופּט זיי אַריין דאָס געלט און מען וואַרפט זיי אַרויס.

צוגענומען דעם איינציקן פערד—איז שוין די באַלעבאַטישקייט אינגאַנצן רואינירט. אמת, עס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַראָרדענונגען, אַז די „פערדלאָזע" זאָלן ביי די שכנים „לייען" פערד אויף צו נאַאַרבעטן דאָס פעלד. אָבער די, וואָס זיינען באַקאָנט מיט די פאַרהעלטענישן אין דאָרף און די פאָדערונגען און דער לאַנדווירטשאַפט—וועלן פאַרשטיין, אַז דאָס איז געווען אַ קאַפּע סגולה. און אַ היבשער טייל באַלעבאַטישקייטן זיינען טאַקע דערפון רואינירט געוואָרן. דער, וואָס האָט דעם פערד ניט צוגעשטעלט צו דער אויפנעם=קאָמיסיע — האָט באַקומען גרויסע שטראָף, אַחוץ וואָס דער פערד איז פאָרט מאָביליזירט געוואָרן. אַזעלכע מאָביליזאַציעס פלעגן פאָרקומען כמעט יעדן האַלב יאָר.

אויסערדעם האָבן אַלע פערד געדאַרפט זיין רעגיסטרירט און געשטעמפּלט.

## XII. די עקספּלאָאַטאַציע פון הויפן און פעלדער.

פון דער אַנדערער זייט האָבן די „ווירטשאַפטס=אויסשוסן" געדאַרפט זאָרגן, אַז די פעלדער זאָלן ניט שטיין פּוסט און זאָלן באַאַרבעט ווערן. צו דעם צוועק האָבן די דייטשן פאַרנומען אַלע דורך די פּריצים פאַרלאָזטע הויפן און גענומען זיי באַאַרבעטן. אַזעלכע הויפן זיינען געווען אין אַ היבשער צאָל. אַ גרויסער טייל גוטסבאַזיצער זיינען אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד. די הויפן זיינען געבליבן אָן אַ אינווענטאַר, אָבער דאָס האָבן שוין די דייטשן געשאַפן. באַאַרבעטן דאָס פעלד פלעגן די דייטשן אויף אַ גאַנץ פּשוטן אופן. מען האָט צונויפגעטריבן די אַרומיקע פויערים מיט זייערע פערד און זיי האָבן געאַקערט, געבראָנעוועט, געזייט. מען האָט געצאָלט אַ מענטשן מיט אַ פערד העכסטנס צוויי מאַרק אַ טאָג אָן עסן. אויף שניידן, גראָבן קאַרטאָפל, יעטן האָט יעדער דאָרף געדאַרפט צושטעלן פויערטעס, וועלכע האָבן נאָמינעל באַקומען 30 פעניג אַ טאָג (אויך אָן עסן), פאַקטיש אָבער האָט מען אָפט דעם דאָזיקן נישטיקן לוין אויך ניט באַצאָלט. פאַרן טאָן ניט ווי מען דאַרף אָדער פאַר ניט פלייסיק אַרבעטן פלעגן די דייטשן שלאָגן מיט אַראַפּניקעס און שטעקנס. דאָס לעצטע איז אויך געווען אַ מיטל, ווען מען האָט ניט פאַרשטאַנען זייערע באַפעלן וועגן אַרבעט. און טאַקע פאַרשטיין האָבן זיי די פויערים פאַרשטאַנען גאַנץ ווייניק. אויסער פויערים איז נאָך געווען אַ קאַטעגאָריע אומזיסטע אַרבעטער—די אַרויסגעטריבענע פון די פראָנט=ליניעס. די





זיינען געווען אמתע קנעכט אויפן מיצרישן שטייגער. מען האָט זיי באַזעצט אין די פאַרלאָזענע הייזער און געגעבן זיי נאָר צו האַלב פונט ברויט און שוואַרצע קאַווע. די ווייבער מיט די קינדער האָבן אויך געמוזט אַרבעטן. אומבייטן דעם אָרט האָבן זיי ניט געטאָרט. די שווערסטע אַרבעט איז אויסגעקומען אויסצושטיין אָט די היימלאָזע. אויסער פעלד=אַרבעט—האָבן זיי געדאַרפט קלייבן שטיינער, ברוקירן די וועגן, וואַשן די וועש פאַר די סאָלדאַטן וכדומה: קיין וואונדער ניט, וואָס אַ סך פון זיי זיינען אויסגעשטאָרבן פון הונגער און פאַרשיידענע קראַנקהייטן.

דעם ערשטן יאָר האָבן דאָך די דייטשן געגעבן תבואה צו פאַרזייען פאַר די, וואָס האָבן ניט געהאַט, און אויף ניט קיין טייערע פרייזן. אין די קרייזשטעט האָט מען אין דער צייט פון פעלדאַרבעט ניט אַרויסגעגעבן קיין שיינען אויף צו פאָרן, סיידן אין אַ עקסטן נויטפאַל און נאָך גרויס מאַטערניש. דער ענטפער אויף אַ בקשה וועגן פאָרן איז געווען: די פויערים און די פערד מוזן די ערד באַאַרבעטן.

די שטענדיקע אַרבעטער (פאַראָבקעס) פון די הויפן זיינען אויך געבליבן ביי די דייטשן, זייער לאַגע איז געווען ענלעך צו דער לאַגע פון די פון פראָנט אַרויסגעשיקטע, וועגן וועלכע עס איז דערמאָנט אויבן. אין די לעצטע $1\frac{1}{2}$ יאָר האָבן די אומפּעאיקע צום פראָנט סאָלדאַטן אויך געאַרבעט אין די הויפן צוגלייך מיט די פויערים, פאַרשטייט זיך, באַקומענדיק אַ מיליטערישן ראַציאָן. די הויפן האָבן געגעבן אַ סך תבואה צום אַרויספיר, הגם קיין העכערע אַגריקולטור איז ניט באַנוצט געוואָרן.

## XIII. פיש=ווירטשאַפט.

אינטערעסאַנט איז אויך די פיש=ווירטשאַפט, וואָס די דייטשן האָבן געפּרובט פירן אויף זייער שטייגער. די פיש=פאַכגעריי בילדעט אין אונזערע קאַנטן אַ היבשן פרנסה=צווייג. די אונטערנעמער זיינען דאָס רוב יידן. די פיש פאַנגט מען מיט גרויסע נעצן אין אַ גרויסער מאָס צום אַרויסשיקן אין ווילנע. די ערשטע 3 חדשים זיינען קיינע באַרעניצונגען פאַרן פאַנגען און אַרויספירן די פיש ניט געווען. די פרייזן זיינען געווען טאַקע גאַנץ חויכע און די פישער מיט די שטאָטישע קאָמיסיאָנערן האָבן דעריבער געשמאַק פאַרדינט. אין דער דייטשער פרעסע האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אַרטיקלען, אַז היות ווי קיין פלייש איז ניטאָ, דאַרף פיש אַלס איינער פון די נאַרהאַפטסטע פּראָדוקטן, וואָס מער אויסגעניצט ווערן. דאַמאָלסט איז אין ווילנע (יאַנואַר 1916) אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדענונג, אַז אויסערן פישמאַרק טאָר אין ערגעץ קיין פיש ניט פאַרקויפט ווערן און די פרייזן זיינען באַשטימט געוואָרן גאָר קליינע, לפי ערך עפּעס טייערער ווי אין שלום=צייט, דאָס האָט גלייך פאַרקלענערט דעם פאַנג און געטריבן צום אומלעגאַלן האַנדל מיט פיש („שמוכל"). די פישער האָבן דערלאַנגט אַ פּעטיציע צום בירגערמייסטער, אַז עס מוז פאַרגרעסערט ווערן די טאַקסע אויף פיש, ווייל עס לוינט ניט פאַנגען און פירן די פיש אין שטאָט. דער בירגערמייסטער האָט די בקשה ניט באַפרידיקט, פונדעסטוועגן איז אין עטלעכע חדשים אַרום די טאַקסע געהעכערט געוואָרן. אָבער דער אומלעגאַלער האַנדל מיט פיש אין שוין פאַרבליבן אויף דער גאַנצער צייט. אויפן מאַרק איז שוין געווען פיש זייער ווייניק. דערצו האָבן די קרייזהויפּטמענער ניט געגעבן קיין אַרויספיר=שיינען, פאָדערנדיק, אַז די פיש זאָל פאַרקויפט ווערן אויפן אָרט. אין אַ געוויסער צייט אַרום איז אינגאַנצן פאַרבאָטן געוואָרן דער פאַרקויף פון פיש „פאַר ציוויל", אַלץ האָט געמוזט אָפּגעגעבן ווערן אין די האַנדלס=אָפּטיילונגען פון די קרייזאַמטן צו פעסטע פרייזן (דער העכסטער פרייז איז געווען 1 מאַרק אַ פונט גרויסע פיש און 20—25 פעניג קליינע).

די גרעסערע פיש זיינען געגאַנגען פאַר מיליטער. צו דעם צוועק זיינען אַיינגעאָרדנט געוואָרן „רויכערייען" וואו מ'האָט די גרעסערע פיש געוויאָנזלט.

די קליינע פישלעך פלעגט מען אָפשיקן קיין ווילנע צום פאַרקויפן דעם שטאָט=הויפטמאַן (בירגערמייסטער), וועלכער האָט דאָס אָפגעגעבן די יידישע קאָמיסיאָנערן. מערסטנטיילס פלעגן די קליינע פישלעך אָנקומען אָן אַייז, צעריבענע (עטלעכע מאָל איבערגעשאָטענע פון איין כלי אין דער אַנדערער) און ממילא פאַרדאָרבענע, וואָס קיינער האָט זיי שוין ניט געקענט נוצן. דאָך ווינטער (ווען די פיש ווערן ניט אַזוי גיך קאַליע) איז דער פישמאַרק געווען געפאַקט און עס פלעגן זיין די גרעסטע רייען אויף צו באַקומען 1—2 פונט קליינע פיש צו 20—25 פעניג. איינמאָל האָבן די דייטשן אויסגענוצט די תאווה צו פיש פון דער ווילנער באַפעלקערונג אויף אַ גאַנץ אָריגינעלן אופן: עס זיינען פונאַנדערגעקלעפט געוואָרן מודעות אויף יידיש אין אַלע יידישע קוואַרטאַלן, אַז פרייטאָג וועט מען אויפן מאַרק פאַרקויפן פיש צו 10 פעניג אַ פונט אין אַ אומבאַגרעניצטן סכום. דער עולם האָט זיך פרייטאָג געלאָזט אין פישמאַרק אַריין אין די טויזנטער. קיין פיש איז אויפן מאַרק אָבער ניט געווען, עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס האָט מען געדאַרפט אַראָפנעמען קינעמאַטאָגראַפישע אויפנאַמען פון ווילנער יידישן עולם, און נאָר אויף אַזאַ אופן האָט מען געקענט צונויפקלייבן גרויסע מאַסן אין יענע צייטן.

די אָזערעס סיי די פריוואַטע (פון די פאַרלאָזענע), סיי די קרוינישע האָבן די דייטשן, אַזוי ווי די רוסן, אָפגעגעבן אין אַרענדע. דאָ האָט מען געמאַכט אַ פרוב צוצוציען דייטשע אונטערנעמער און איין מאָל האָט מען אַלע אָזערעס פון גאַנץ קאָשעדאַרער (אַ טייל טראָקער) קרייז אָפגעגעבן אַ דייטשן. דער לעצטער האָט ניט באַצאָלט און ניט צוגעטראָטן צום פאַנג און מען האָט דאָס געמוזט אָפגעבן יידן.

אַלע מכשירים צום פאַנגען זיינען געווען אויסשליסלעך פון דייטשלאַנד און היות ווי פיש איז אָנערקענט געוואָרן פאַר אַ גוטן פראָדוקט פאַר דער אַרמיי, האָט די „מיליטער=פאַרוואַלטונג ליטויען" אַרויסגעגעבן די פישער נעצן פאַר באַשטימטע פרייזן, לפי=ערך ניט קיין הויכע, שפעטער צו — אפילו אויף קרעדיט. אָבער דעם חוב פלעגט מען דעקן מיט פיש. ווען ניט דאָס אַריבערשמוכלען פיש אין שטאָט אַריין, וואָלט מען ניט געקענט פאַנגען, ווייל צו גרויס זיינען געווען די הוצאות, אַז די טאַקסע פון קרייזאַמט זאָל קענען דעקן. די פישער האָבן געהאַט די פריווילעגיע, וואָס זיי האָבן געמעגט האַלטן 1—2 פערד, וועלכע מען האָט ביי זיי ניט געטאָרט צונעמען.

כאַפן פיש האָט מען געמעגט נאָר פון אַ געוויסער גרייס, הגם אויף דעם האָט מען ניט זייער מקפיד געווען.

## XIV, די פאַרצאַמונג פון וועגן און דער שמוכל.

כדי דורכצופירן די גאַנצע סיסטעם פון אַרויספ עסן, וואָס נאָר מעגלעך און ניט דערלאָזן דעם פרייען האַנדל (שמוגל — שמוכל), איז אויף אַלע וועגן פונאַנדערגעשטעלט געוואָרן אַ וואַך. די וואַך איז באַשטאַנען פון מיליטערישער פאָליציי, פעלד=זשאַנדאַרמעריע און ספעציעלע קאָנטראָלן. די וואַך איז געשטאַנען אויף די שטילערע וועגן אומגעפער 10—15 וויאָרסט איינע פון דער אַנדערער, נעענטער צו שטעט און שטעטלעך אַ סך געדיכטער, דאָס גלייכן אויף די גרויסע שליאַכן, די הויפטוועגן צו ווילנע. די עובדא פון די וואַכן איז געווען צו קאָנטראָלירן יעדן דורכגייער און דורכפאָרער, צי זיינען אַלע באַוואָרגט מיט די געהעריקע שיינען און צי מען פירט ניט קיינע פראָדוקטן.

יעדע פור האָט געדאַרפט האָבן ביי דער זייט פון וואָגן אַ ברעטל



מיט אַ אויפשריפט פון דעם נאָמען און פאַמיליע און פון וועלכן אָרט און קרייז דער אייגנטימער פון דער פור איז.

אויף אַ גרעסערער שטרעקע איז געווען אוממעגלעך אויסמיידן די וואַכן, וואָס זיינען געשטאַנען אויף די וועגן. יעדע וואַך איז באַשטאַנען פון 4—5 מאַן, וועלכע האָבן זיך געמוזט בייטן. סיי טאָג סיי נאַכט האָבן זיי אויפגעפאַסט, צי גנבעט ניט עמיצער דעם וועג אָן אַ שיין.

אין משך פון דער אָקופאַציע זיינען געווען פאַרשיידענע צייטן אין פרט פון שטרענגקייט מצד די וואַכן. אַ געוויסע צייט, ווען עס איז געווען רואיקער — האָט מען פוסגייער אָפט דורכגעלאָזן אָן שיינען און קליינע פעקלעך ניט צוגענומען. דאַמאָלסט איז אפילו געווען אַ פאַראָרדענונג, מען זאָל ניט אַראָפנעמען פון די פלייצעס ביז 1 פוד. נאָר דאָס האָט אָבער געדויערט אַ קורצע צייט.

די שטעט זיינען לחלוטין געווען פאַרמשפט צו הונגער=טויט ביי די אַלע ראַציאָנירונגען, פאַרבאָטן פון אַריינפיר און אַרויספיר און אַז. וו. די פרייזן אויף לעבנסמיטלען זיינען אומגעהויער געשטיגן, אויף 50=60 מאָל (ביי דעם כמעט ניט געענדערטן ווערט פון דער וואַלוטע!), און דעריבער איז דאָס ברענגען און פאַרקויפן אין שטאָט לעבנסמיטלען געוואָרן דער איינציקער מיטל פאַר טויזנטער מענטשן צו פאַרדינען און אומדירעקט צו ראַטעווען זיך פון הונגער. דער אומלעגאַלער האַנדל (שמוכל) איז טאַקע געווען די הויפט=באַשעפטיקונג ביי אַ באַדייטנדן טייל פון דער באַפעלקערונג. און אַלע טאָג פלעגן זיך אין שטאָט און פון שטאָט ציען שורות מענטשן. דאָס איז מען געגאַנגען אָפט פאַר צענדליקער וויאָרסטן און אַפילו מיילן, אין די דערפער אַריין אויפקויפן ביי די פויערים תבואה, פוטער, קעז וכדומה און טראָגן דאָס אין שטאָט אויף זיך („פעקלטרעגער").

דורכגיין פאַרביי די וואַך מיט דער משא איז געווען געפערלעך, עס האָט זיך באַקומען אַ באַפעל אַראָפצונעמען פון די פלייצעס. דערפאַר האָבן די פעקל=טרעגער געמוזט גיין מיט זייטיקע וועגלעך, שטעגלעך און פעלדער, כדי אויסצומיידן די דייטשן. נאָר די פעלד=זשאַנדאַרמעריע (רייטער) פלעגט אָפט כאַפן די „פאַרברעכער" און אַרעסטירן זיי. זיי האָבן באַצאָלט מיטן פאַרלירן די סחורה און שטראָף דערצו.

פורן זיינען אויך געפאָרן מיט זייטיקע וועגן, אויסמיידנדיק די הויפטפאָסטנס פון דער וואַך, נאָר אויסמיידן אַלע איז געווען ניט אַלע מאָל מעגלעך, ווייל אין די פאַרדעכטיקע ערטער פלאַנירן אַרום פעלד=זשאַנדאַרן און ווי איז צו דער פור, וואָס איז שוין אַריינגעפאַלן צו זיי אין די הענט, אויסער דער סחורה קען מען דערביי פאַרלירן דעם פערד מיטן שפאַן.

פונדעסטוועגן האָבן די שטענדיקע שמוכלער געמוזט געפינען אַ מיטל ווי אַזוי צו פירן לעבנסמיטלען אָן אַזאַ ריזיקע, דער דאָזיקער מיטל איז געווען אַ פשוטער און אין רוסלאַנד אַ אויסגעפרובטער: דאָס איז די „זיאַטקע", וואָס די דייטשן האָבן זיך אויסגעלערנט צו נעמען גאָר אין גיכן נאָך זייער אָנקומען.

די וואַך האָט אויך געליטן דחקות און דעריבער זיינען די וואַכלייט געווען זייער להוט צו אייער, פוטער און „שפעק" (חזיר=פעטס). די שטענדיקע פוסגייער מיט די פעקלעך פלעגן זיי אָפפטרן מיט עטלעכע אייער, אַ שטיקל קעז אָדער פוטער. די גרעסערע שמוכלער (מיט פורן) פלעגן דאַרפן אויסער די פראָדוקטן געבן נאָך געלט אויך, אַמאָל האָניק און אַנדערע זאַכן. פאַרן פאָרן ביינאַכט האָט אויך געקומט אַ גרויסע שטראָף, מיט צונעמען דעם פערד, אָבער ביינאַכט איז געווען גרינגער דורכצוגנבענען זיך פאַרביי די וואַכן, וועלכע מען האָט ניט געקענט אונטערקויפן. און אַלע גרויסע שמוכלער האָבן טאַקע געפירט די סחורות ביינאַכט, „אָפמאַכנדיק" אַפריער מיט אייניקע פאָסטנס.

עס זיינען געווען שמוכלער, וואָס האָבן ריזיקירט און געפאָרן

אָן שום צָפּמאַך—„אולי יעבור”. ווען מען פלעגט זיי אָננעמען און בעטן אַ שיין—פלעגן אַנדערע אַרויסנעמען אַ **20**-אָדער **50**-מאַרקשיין (אָדער מער, אויב אַ גרויסע כּור) און געבן דעם סאָלדאַט. אָפּט איז דאָס דורכגעגאַנגען, אָבער טיילמאָל פלעגן די זשאַנדאַרן אָדער סאָלדאַטן צושטעלן צו די געהעריקע אַמטן די שמוכלער מיט דער סחורה מיט דעם פאָרגעלייגטן שחד, און דאַמאָלסט האָט שוין אויף דעם פאַרהאַלטענעם געוואַרט אַ מיאוסער פּסק: אי דער פערד אי די סחורה זיינען געגאַנגען פאַ לאָרן, אויסער אַ גרויסן קנס און אַמאָל אפילו תּפיסה.

אָפּהאַלטנדיק אַ פור, פלעגט די וואַך קודם-כּל פּאָדערן שיינען און דערנאָך, אויב עס איז זיי עפּעס געווען פאַרדעכטיק, הייסן אַרונטערגיין די פּאַסאַזשירן און רעווידירן די פור: אויסטרייסלען אַלע פּעקלעך, אויסנאַפּן דאָס היי מיטן שטרוי, דעם האָבער פאַרן פערד א. אַז. וו.

אָפּט פלעגט מען דערביי מאַכן פּערזענלעכע אונטערזוכונגען, אַרומטאַפּן די קעשענעס, פאַרשיידענע ערטער אונטער די קליידער, דען מען האָט אויף אַזאַ אופן **דורכגעשמוכלט** לייוונט, אַרומוויקלענדיק דאָס אַרום זיך, וואָל, פּעל א. אַז. וו.—וואָס עס איז נאָר געווען לפנים משורת הדין, האָט מען צוגענומען*).

די שמוכלערס האָבן געוועסט געמאַכט אין די וועגנס טאָפּלטע דעקן, וואו מען פלעגט באַהאַלטן פּראָדוקטן, ווי פלייש, פּוטער, קעז און אַלערליי טייערערע רוי-מאַטעריאַלן; אָבער גאָר אינגיכן איז דאָס אַנטדעקט געוואָרן און דער דאָזיקער מיטל דורכצופירן שמוכל האָט שוין ניט געקענט גילטן.

מיט דער צייט איז מען געוואוינט געוואָרן מיט דער לאַגע און דער שמוכל איז געוואָרן אַ אומגעצלעך-געזעצלעכער האַנדל, וואָס איז געווען נייטיק פאַר דער עקאָנאָמיק פון דעם לאַנד. די דייטשן אַליין אַלס פערזאָנען האָבן זיך געניייטיקט דערין, צו האָבן די מעגלעכקייט צוצוקויפן פּראָדוקטן פאַר זיך אַליין און פאַר זייערע הויז-געזינדן אין דייטשלאַנד אויף צו שיקן פּער פּאָקט און מיטצונעמען, ווען מ'פאָרט אין אורלויב.

## XV. די דעמאָראַליזאַציע פון די אָקופּאַנטן.

בכלל האָט זיך אין דער לעצטער צייט פון דער אָקופּאַציע אָנגעהויבן צו פילן אַ שטאַרקע דעמאָראַליזאַציע בנוגע דעם חוב צום פאָטערלאַנד און צו דער אַרמיי. יעדער סאָלדאַט און באַאַמטער, וואָס איז געשטאַנען אין רשות פון דער „מיליטער-פאַרוואַלטונג ליטויען” און „עטאַפּן-קאָמענדאַטור” (אויף רוסיש הייסט דאָס тыловая служба) האָט מער געזאָרגט פאַר זיך ווי אַזוי צו מאַכן געלט און אָפּשיקן דאָס אַהיים, ווי אַזוי צו לעבן אַליין אַ גוטן טאָג אין דעם אָקופּירטן לאַנד, און פאַר לאַיחרץ-געלט פלעגט מען קענען כּשרן אַ סך פאַרבאָטענע זאַכן. אַלע אַמטספאָרשטייער האָבן געהאַט פון כּל-טוב. יעדער בעל-הבית (פּויער) אָדער פּריץ האָט צוגעשיקט צום אַמטספאָרשטייער דאָס בעסטע, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. אייער, פּוטער, האָניק ווייץ, פעטס, אויבס—אין דעם

*) איך פערזענלעך האָב זיך איינמאָל אײַנגעקערט מיט מײַנע קליינע קינדער נאָך פּסח פון מײַנע עלטערן, וועלכע האָבן מיר מיטגעגעבן עפּעס פון פּראָדוקטן. אין קאַפּליצע, לעבן ווילנע האָט מען אין וואָגן געפונען 1 פוד קאַרטאָפל, 12 פונט אַרבעס און 25 אייער, דער אונטעראָפיציר, וואָס האָט געמאַכט די אונטערזוכונג, האָט מיך געמוסרט: „אַ אינטעליגענטער מענטש, דאַכט זיך, און טוט אַזאַ פאַרברעך”. איך האָב אָנגעוויזן, אַז איך פיר דאָס ניט צו פאַרקויפן.—„דאָס איז ענגאַל פאַרבאָטן!” די קינדער האָבן געוויינט פאַר שרעק, אָבער דאָס האָט ניט געמאַכט קיין איינדרוק. קאָנפיסקירט די פאַרברעכערישע קאָנטראַבאַנדע—האָט דער אונטעראָפיציר מיר אַרויסגעגעבן אַ צעטל אויף דעם וואָס ער האָט צוגענומען. דערנאָך איז פאָרגעקומען איבער מיר דער משפּט אין ווילנע. איך האָב געדאַרפט באַצאָלן 100 מ"ק שטראָף. די פּראָדוקטן זיינען צוריק ניט אָפּגעגעבן געוואָרן.





האָבן די העכערע באַאַמטע זיך ממש געבאָדן. די דינסטן זייערע פלעגן אָפט זיך באַרימען, אַז עס איז זיי שוין ביטער אין האַלז פון צו פיל האָניק עסן, דאָס-גלייכן איז געווען ביי די זשאַנדאַרן, אויסער פּראָדוקטן אין נאַטור,—וועלכע זיי האָבן דאָך געקענט פאַרברויכן נאָר אין אַ באַגרעניצטן סכום, און וועלכע זיי פלעגן טאַקע פאַרקויפן די שמוכלערס, פלעגן זיי נעמען געלט, כּדי צו מאַכן פאַרשיידענע הנחות ביי רעקווירירן תּבואה, בהמות און אַז. וו.

גוט אינפאָרמירטע מענטשן האָבן מיר דערציילט, אַז אייניקע אַמטספאָרשטייער האָבן אַרויסגעפירט אַהיים צו $1/4$ מיליאָן און מער דייטשע מאַרקן, ביי אַמאָליקן קורס! די זשאַנדאַרן, בפרט די וואָס זיינען לאַנג געזעסן אויף איין אָרט, האָבן אויך אָנגעקליבן גאַנץ היבשע סומען.

אַ גרויסער טייל באַאַמטע האָבן געהאַט פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג דינסטן, וועלכע זיינען געווען אויך קעכסווייבער ביי זייערע האַרן.

אין דאָרף ד. האָט דער פאָרשטייער פון דער מאַכט פּשוט אַרויסגעטריבן דעם מאַן פון דעם הויז, וואו ער האָט זיך באַזעצט מיט נאָך צוויי סאָלדאַטן און געמאַכט פאַר קעכסווייבער די מוטער מיט דער טאָכטער, וועלכע האָבן געבאָרן קינדער פון די „שכנים” אַזעלכע פאַלן זיינען געווען ניט זעלטן.

ווען מען פלעגט שוין אָפּזיין אַ לענגערע צייט אויף איין אָרט און עליסן באַקאַנטשאַפט, פלעגן די אַמטספאָרשטייערס און די זשאַנדאַרן, אויפן שטייגער פון די רוסישע פּריסטאַווס און אורעדניקעס, גיין אויף „כּיבוד” צו אַלע יידישע בעלי-בתּים בשעת יום-טובים, דערהויפּט פּסח, זיך צו „באַקענען” מיט די ספּעציפישע יידישע מאכלים.—ווען צו אַ געוויסן אַמטספאָרשטייער איז געקומען צו גאַסט זיין פרוי*) איז ער כּמעט יעדן טאָג אין משך פון 6 וואָכן געפאָרן מיט איר אויף כּיבוד צו אַלע פּריצים, רייכערע פּויערים און יידישע בעלי-בתּים. דערביי האָט ער זיך ניט אַנטזאָגט אויך פון געלט-כּיבודים, אָדער מתּנות פאַר דער פרוי. און די „גאַטין” האָט אַרויסגעפירט פון „ליטויען” אַ היבש ביסל האָב און גוטס —

זייער גראָב האָבן די באַאַמטע פאַרדינט אויף דער וואַלד-ווירטשאַפט (פערסטער). לכתחילה האָבן די דייטשן געפּרובט אַליין פירן די ווירטשאַפט, האַקן האָלץ מיט דער הילף פון די צוואַנגס-אַרבעטער. אָבער ווען דאָס האָט דאָך ניט געקענט דעקן די גוואַלדיקע נויט פון פאָטערלאַנד אין געהילץ, האָט מען געמוזט אָנקומען צו פּריוואַטע האָלץ-הענדלער, וועלכע האָבן לויט קאָנטראַקטן געדאַרפט צושטעלן געוויסע סכומען האָלץ. אָדער מען פלעגט אַ באַשטימטע צאָל בוימער פון די קרוינישע וועלדער אָדער פון די, וואו די אייגנטימער זיינען ניט געווען, אָפּגעבן אין אַרענדע אויף אויסצוהאַקן און פאַרקויפן פריי די „פאַטערלענדישע” פירמעס. ז.ון דאָ זיינען פאָרגעקומען די גרעסטע מיסברויכן. די אַמטספאָרשטייערס אָדער זייערע באַפולמעכטיקטע פלעגן דאַרפן צונעמען דאָס האָלץ. באַשטימען זיי, אַז עס איז אויסגעהאַקט געוואָרן אַזויפיל פעסטמעטער, פאַר וועלכע דער האָלץ-הענדלער דאַרף באַצאָלן. דער הענדלער מאַכט אַפריער אָפּ מיטן אַמטספאָרשטייער אָדער „פערס-ער”, אַז ער וועט פאַרשרייבן נאָר אַ העלפט אָדער אַ דריטל און מיטן רעשט וועלן זיי זיך טיילן.

אויף אַזאַ אופן זיינען אויסגעהאַקט געוואָרן צענדליקער טויזנטער דעסיאַטין וואַלד און מיליאָנען בוימער. און מען קען אויף זיכער זאָגן, אַז די הויפּט-עשירות פון ליטע, וואָס איז באַשטאַנען

*) בכלל איז געווען פאַרבאָטן צו ברענגען די פאַמיליע פון דײַטשלאַנד, אין זעלטענע פאַלן אָבער פלעגן איינצלנע באַאַמטע יאָ באַקומען אַ ערלויבעניש צו ברענגען אויף אַ געוויסער צייט זייערע פרויען.

אין די געדיכטע וועלדער, איז נאָך דער ממשלה פון די דײַטשן פאַרקלענערט געוואָרן אין אַ סך מאָל. — אין די גרויסע וועלדער פלעגט מען שטעלן זעגמילן, וואָס פלעגן אַרבעטן טאָג און נאַכט. כּדי צוצופירן די מאַטעריאַלן צו די באַן-כטאַנציעס, האָט מען אָפּט געבויט „קליינבאַנען", געלייגט רעלסן און מיט וואַגאָנעטעך געפירט אין די זאַמלפּונקטן. — אויף אַזוי צו אַרבעטן די וועלדער האָט מען געדאַרפט האָבן צענדליקער טויזנטער מענטשן און צו דעם צוועק האָט מען געמוזט אײַנפירן צוואַנגס-אַרבעט, ווײַל טאָן בײַ די דײַטשן פרייוויליק האָט קיינער ניט געוואָלט.

## XVI. צוואַנגסאַרבעט. פּאָפּילווע.

די גזרה פון צוואַנג אַרבעט האָט זיך מיטן גאַנצן אימפּעט אויסגעגאָסן אויף די דערפער אין שטעטלעך סוף 1916 אין דעם גאַנצן 17-טן יאָר.

אַלע יונגעלײַט און עלטער ביז 40 יאָר האָבן זיך גערעכנט פאַר מאָביליזירטע, דערהויפּט אָבער פלעגט מען באַשטיין אויף די 17—25-יאָריקע. די סטאַראָסטעס האָבן געמוזט צושטעלן די רשימות פון די יונגעלײַט, און די פאַררעגיסטרירטע האָבן זיך געמוזט אַליין מעלדן. ווער עס איז ניט געקומען צו דער צײַט, פלעגן סאָלדאַטן בײַנאַכט אים כאַפּן ווי אַ פאַרברעכער. — די ערשטע זאַך נעמט מען צו בײַ די צוואַנגסאַרבעטער זייערע אָסט-פּעסער*) דורך דעם פלעגט מען ווי פאַראַליזירט ווערן: מ'האָט שוין אין ערגעץ ניט געקענט אַרויסגיין, סײַדן די גאַנצע צײַט ליגן אויפן בוידים. —

די אָנגענומענע מענטשן, איידער מען פלעגט זיי אָפּשיקן צו דער צוואַנגסאַרבעט, זײַנען געווען פאַרשפּאַרט און אַ וואַך האָט זיי געהיט, זיי זאָלן זיך ניט צעלויפן. דערנאָך האָט מען זיי פונאַנדערגעשיקט אין פאַרשיידענע ערטער, דערהויפּט אין די גרויסע וועלדער צו האַקן און לאָדן האָלץ, אויף שאָסייען צו בויען נײַע וועגן, אָדער אַלס שוואַרצע אַרבעטער — אויפשטעלן די נײַטיקע מיליטערישע בנינים, אַמאָל אויך צום פראָנט — גראָבן אָקאָפּעס א. אַז. וו.

פאַר איינעם פון די ערגסטע ערטער פון קאָנצענטראַציאָנעלער אַרבעט אין אונזער קאַנט האָט זיך גערעכנט פּ אָ פּ י ל ו ו ע, ניט ווײַט פון קאָוונע. דאָרטן האָט מען געהאַקט די גרויסע קאָזלאָווע-רודער וועלדער. דערצו זײַנען געווען באַשטימט איבער 3 טויזנט מאַן, וועלכע זײַנען געווען צעטיילט אין עניןפון אַרבעט אויף פּאַרטיעס אָדער קאָמפּאַניעס, צו 150—300 מאַן. איין טייל האָט געהאַקט ביימער, אַ צווייטער האָט זיי געלאָדן אויף דער קליינבאַן, אַ דריטער אויף דער גרויס-באַן, אַ פערטער אויף די זעגמילן א. אַז. וו.

עס זײַנען אויסגעבויט געוואָרן באַראַקן פון ברעטער אַלס וואוינאָרט פאַר די אַרבעטער. אינעווייניק זײַנען געווען הוילע נאַרעס אויף צו שלאָפן, אַמאָל באַדעקט מיט כטרוושקעס. בסך-הכּל איז געווען 4 באַראַקן, איינער אויסשליסלעך פאַר ייִדן. ווינטער איז אין די באַראַקעס געווען קאַלט ווי אויף דרויסן. האָלץ איז געווען, עס האָבן אָבער געפעלט אויוונס און עס איז ניט געווען, ווער עס זאָל דאָס אויפּפּאַסן. די אַרבעט פלעגט זיך אָנהייבן 5 אַ זייגער אינדערפרי און זיך ענדיקן 6 אַ זייגער אין אָוונט, אין דעם איין שעה, פון 12 ביז 1, אויף מיטאָג. ריינע אַרבעטסצײַט אַלזאָ פון 12 שעה. אויפשטיין האָט מען געדאַרפט 4 אַ זייגער, דערצו האָט מען נאָך אָפּט געדאַרפט אַ 6—7 וויאָרסט גיין צו די ערטער, וואו מען אַרבעט, און צוריק. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע און ניט אַלע האָבן געקענט אויסהאַלטן, קיין רחמנות אָבער איז

אזוי האָבן געהייסן די פּעסער מיט פאָטאָגראַפיעס, וואָס די דײַטשן האָבן אַרויסגעגעבן אַלעמען פון 10 יאָר אָן. די פּעסער פאַר ייִדן האָבן אין ליטע געהאַט אויך אַ ייִדישן טעקסט.



ניט געווען. ביז אַ מענטש פלעגט ניט פאַלן — און עס האָבן שוין ניט געהאָלפן קיין שטעקנס און נאַגייקעס איט אויפהייבן — פלעגט מען מוזן אינטענסיוו אַרבעטן. בײַ אַזאַ שווערער אַרבעט האָט מען געגעבן אויף 4 מאַן 1 קילאָ ברויט אויף אַ טאָג (ד. ה. 0,6 אויף אַ מענטשן), אינדערפרי שוואַרצע קאַווע, 12 אַזייגער מיטאָג, — אַ ליטער זופּ, וואָס איז אָפּט באַשטאַנען פון פאַרפוילטע רונקלעס (בוריקעס פאַר בהמות), אָדער ברוקווע מיט געטריקנטע קאַרטאָפל. אַ אָפּטער צוגאָב אין דער זופּ זײַנען געווען ווערים. אין אָוונט — אַ לעפל מאַרמעלאַד מיט שוואַרצער קאַווע. און דאָס איז אַלץ.

מען דאַרף נאָך געדענקען, אַז די ווינטערס זײַנען געווען זייער האַרטע, די קליידער מיטן שוכוואַרג פלעגן זיך בײַ אַזאַ אַרבעט צערײַסן זייער גיך. און די אַרבעטער זײַנען געגאַנגען אַרומגעריסן און טיילמאָל אָן שיך.

די סאָלדאַטן פלעגן אַרומזען, צי עס האָט ווער ניט צעריסן די שטיוול מיט אַ כּיוון, כּדי זיך צו באַפרײַען פון דער אַרבעט, אין אַזאַ פאַל האָט דער שולדיקער באַקומען שטאַרקע קלעפּ און איז דאָך געשיקט געוואָרן צו דער אַרבעט. ווען דאָס שוכוואַרג איז שוין געווען אינגאַנצן צעפאַלן, האָט מען אַרויסגעגעבן הילצערנע שיך, פאַר געלט. דאָס געלט האָט זיך אַראָפּגערעכנט פון די שכירות. שכירות אַ טאָג האָט זיך גערעכנט 30 פעניג.

וועגן היגיענישער אויפפּאַסונג האָט ניט געקענט זײַן קיין ריידן טיילמאָל האָט מען כּלומרשט געפירט אין אַ „באָד", וואו עס אין געווען בלויז קאַלט וואַסער. אָנשטאָט זייף האָט מען רעקאָמענדירט צו וואַשן זיך מיט זאַמד.

אַ קורצע צײַט איז געווען ערלויבט צו גיין זונטאָג אין די נאָענטע דערפער אײַנקויפן ברויט; אָבער ווען אייניקע האָבן די דאָזיקע געלעגנהייט אויסגענוצט צו אַנטלויפן, איז דאָס פאַרבאָטן געוואָרן.

איינמאָל איז אויפן באָדן פון הונגער און שלעכטן עסן (5 טעג נאָכאַנאַנד צעפוילטע רונקלעס מיט ווערים) אַפילו אויסגעבראָכן אַ פּראָטעסט. וועגן דעם שלעכטן עסן האָט מען געמאָלדן דעם לייטענאַנט, ער האָט זיך אָבער אויסגעלאַכט. דאַמאָלסט האָבן אַ טייל אַרבעטער באַשלאָסן ניט צו גיין צו דער אַרבעט און אַראָפּגעריסן פון זיך די נומערן.*) די אַקציע איז אָנגענומען געוואָרן פאַר אַן אויפשטאַנד. די אָנטיילנעמער זײַנען פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך רעווידירן די קליידער. בײַ וועמען עס האָט געפעלט דער צוגענייטער נומער, איז אַרעסטירט און מערדעריש געשלאָגן געוואָרן. 14 (6 ייִדן און 8 קריסטן) מענטשן זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן צום געריכט, פון זיי זײַנען 2 פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, נאָר זיי זײַנען באַגנעדיקט געוואָרן אויף 16 יאָר שווער צוכטהויז, די איבעריקע צו געפענגעניש פון אַ האַלב יאָר ביז אַ יאָר.

בײַם צעטיילן די זופּ האָט איינער זיך אַ שטופּ געטאָן צום קעסל ניט נאָך דער ריי און דערפאַר איז ער אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן דורך דעם וואַך-סאָלדאַט.

שרייבן אַהיים איז געווען פאַרבאָטן, נאָר איין מאָל אין 3—4 חדשים האָט מען געגעבן אורלויב אויף 10 טעג. פאָרן אַהיים (באַן-געלט) האָט מען געדאַרפט אויף אייגענע הוצאות און דערצו לאָזן 50 מאַרק ערבות. ווער עס האָט פון אורלויב פאַרשפּעטיקט — האָט דאָס ערבות-געלט פאַרלאָרן.

מאַנכע האָבן זיך אָפּגעהאַקט די פינגער, כּדי פּטור צו ווערן פון אַזאַ גהינום. אָבער דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן: ווען דער דאָקטאָר פלעגט פעסטשטעלן די מוטווילּיקייט פון דער צעשעדיקונג, האָט דער בעל-מום געדאַרפט אַרבעטן מיט צעשעדיקטע הענט אָדער פיס.

*) יעדער צוואַנגסאַרבעטער האָט געהאַט אויפן היטל, אויף די אַרבל און אויפן האַרצן אָנגענייט אַ נומער.

ניט ווייניק מענטשן זײַנען אומגעקומען בײַ דער אַרבּעט, צעקוועטשט געוואָרן פון ביימער אויף טויט אָדער צעקאַליעטשעט געוואָרן. נאָך מער האָבּן אָפּגעפראָרן די הענט מיט די פיס, געקראָגן רעוומאַטיזם אָדער גיכע שווינדזוכט. בּאַפרייט ווערן פון דער אַרבּעט פלעגט מען נאָר דאַן, ווען מ׳האָט שוין אינגאַנצן פאַרלוירן די אַרבּעטספעאיקייט (צוליבּ קראַנקהייט) אָדער ווען מ׳האָט צוגעשטעלט אָנשטאָט זיך אַן אַנדערן (אַ „זאַצמאַן"). אָבּער אויך אין דעם לעצטן פאַל האָט ניט איינמאָל געטראָפן, אַז בּיידע זײַנען פאַרהאַלטן געוואָרן בּײַ דער אַרבּעט.

מענטשן האָבּן בּײַ דער ערשטער מעגלעכקייט געזוכט צו אַנטלויפן פון פּאָפּילווע, ניט טראַכטנדיק, וואָס וועט זײַן מאָרגן; וואָרים לויפן איז ניט געווען וואוהין, און אָן דעם פּאַס פלעגט מען מוזן סוף־כּל־סוף אַרײַנפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליצײַ. אין יעדן פאַל פון אַנטלויפן אָדער ניט קומען צוריק פון אורלויבּ — פלעגט מען גלײַך טעלעגראַפיש מעלדן אין דעם אָרט פון וואַנען דער אַנטלאָפענער האָט געשטאַמט. קודם־כּל האָט מען געזוכט דעם „פאַרבּרעכער" אין דער היים. האָט מען אים געפונען — פלעגן די זשאַנדאַרן צובּינדן אים צו די אָהלאָבּליעס און שמײַסן איבּער אים און איבּער די פערד און אַזוי־אַרום געצוואונגען צו לויפן בּיז אין קרײַזשטאָט, פון וואַנען מען האָט דעם בּעל־דבר שוין צוגעשטעלט אין די אַרבּעטס־לאַגערן.

לכתּחילה האָבּן אין פּאָפּילווע געאַרבּעט געפאַנגענע פראַנצויזן, ווען זיי האָבּן אָבּער ניט געקענט אויסהאַלטן אַזאַ רעזשים און אָנגעהויבּן מאַסנווײַז אויסצושטאַרבּן — האָט מען זיי פאַרבּיטן מיט דער צאָרטיקער בּאַפעלקערונג.

די גזרה פון צוואַנגסאַרבּעט בּײַ אַזעלכע בּאַרבּאַרישע בּאַדינגונגען האָט געדויערט בּערך אַ יאָר אָדער $1\frac{1}{2}$, — בּיז מען האָט, ווײַזט אויס, דורך נייטראַלע מלוכות וועגן דעם אינטערווענירט.

## VXII. די בּאַציאונג צו דער בּאַפעלקערונג. פאַרשיידענע פאָרפאַלן.

בּכלל האָבּן די דײַטשן זיך בּאַצויגן צו דער אָרטיקער בּאַפעלקערונג כּמעט ווי צו בּהמות, וועלכע דאַרפן דעם בּעל־הבּית בּרענגען נוצן, אָבּער האָבּן ניט אַבּסאָלוט קיין שום רעכט. ריידן האָט מען גערעדט נאָר מיט דער שפּראַך פון בּאַפעלן אָן שום ערקלערונגען. זייער אָפט זיך בּאַנוצט מיט פיזישע מיטלען, געשלאָגן מיט שטעקנס אָדער אַראַפּניקעס פאַר אַ וואָרט אָדער פאַר ניט אויספירן עפּעס אַ זאַך, ווי עס פאָדערט זיך. און דעריבּער פלעגן טאַקע די פויערים ציטערן, דערזעענדיק אַ דײַטשן. זיי האָבּן געוואוסט, אַז עס שמעקט שוין מיט אַ גזרה, אַ רעקוויזיציע, אַ רעוויזיע וכדומה.

דאָס ניט פאַרשטיין די שפּראַך פון די אָקופּאַנטן האָט אין די דערפער אָפט געפירט צו פאַרשיידענע מיספאַרשטייענישן, וועלכע האָבּן טיילמאָל זיך אויסגעלאָזט זייער טראַגיש. — אָט קומט אין דאָרף אַ דײַטשער סאָלדאַט און פאָדערט גלײַך אַ פור. דער פויער זיצט אויפן דאַך און דעקט אים. ער גיט צו פאַרשטיין דעם סאָלדאַט, אַז אָט ענדיקט ער די אַרבּעט און גייט גלײַך אַראָפּ. בּײַ דער אַרבּעט בּאַנוצט ער אַ האַק. דעם דײַטש דאַכט זיך אָפּ, אַז דער פויער האָט אים אָנגעבּאָטן צו שפּאַלטן דעם קאָפּ. ער לויפט נאָך זײַנע קאָלעגן און מ׳נעמט דעם פויער שלאָגן. מען אַרעסטירט אים. עס ווערט פאַרפירט אַ פּראָצעס פאַר ווידערשטאַנד מיט כּוח קעגן מיליטער. דעם פויער דראָט טויט־שטראָף. אָבּער ער שטאַרבּט אין געפעגעניש פון אַ אומבּאַוואוסטער סיבּה.

אָדער נאָך אַ פאַל: עס קומט אַ דײַטש אין דאָרף קרונטשיק נאָך אַ פור. דער פויער ערקלערט, אַז ער קען איצט קיין פור ניט געבּן. דער סאָלדאַט הייבּט אָן צו שלאָגן מיט דער קאָלבּע





דעם פויער מיט זײַן פאַמיליע. די בּאַפאַלענע ווערן זיך. דער סאָלדאַט כאַפּט אַרויס אַ מעסער און האַקט אָפּ דעם פויער די פינגער. דאַן האָבּן אַלע הויזלײַט זיך געוואָרפן אויפן סאָלדאַט און אים געבּונדן. אַ געבּונדענעם האָבּן זיי אים אַוועקגעפירט צום אַמטספאָרשטייער, רעכענענדיק, אַז דער רוצח וועט בּאַקומען אַ בּאַשטראָפונג. ווי אָבּער די דײַטשע סאָלדאַטן אין שטעטל זײַנען דערפון געוואָר געוואָרן, זײַנען זיי שרעקלעך געוואָרן אויפגעבּראַכט: „סטײַטש! אויבּ די בּאַפעלקערונג וועט פאַרלירן די מורא פאַר אונז, וועלן זיי אונז דאָך אויסשעכטן! וויפיל זײַנען מיר דאָ!". דעם פויער האָט מען געוואָלט שיסן אויף אַן אָרט, נאָר איינער האָט עס קוים אָפּגעהאַלטן. מען האָט אים אויף טויט געשלאָגן און אַוועקגעשיקט אין טורמע. אים האָט אויך געדראָט טויט־שטראָף, אָבּער דאָס איז שוין געווען דעם לעצטן יאָר און ער איז, דאַכט זיך, געבּליבּן לעבּן.

אָפט פלעגן זשאַנדאַרן שיסן גלײַך אויפן אָרט, ניט אַרעסטירנדיק, בּײַ דעם מינדסטן חשד פון ווידערשטאַנד אָדער בּיים ניט אָפּשטעלן זיך נאָך דעם רוף „האַלט!". דער זשאַנדאַר סטאַכאָוויטש (אין רודזישקי), למשל, האָט דערשאָסן אַ קריסט אורבּאַנאָוויטש, וואָס האָט געפירט האָלץ פון רעגירונגס־וואַלד אָן אַ ערלויבּעניש. אויך איז פון אים דערשאָסן געוואָרן אַ יונגער קריסט פון דאָרף אָנגלעניק, וואָס האָט געפירט בּהמות און ניט דערהערט דעם רוף „האַלט!". דערזעלבּער זשאַנדאַר פלעגט שטענדיק האַלטן בּײַ זיך אַ שטעקן און גלײַך שלאָגן, אָדער אָנרייצן דעם הונט, וועלכער איז מיט אים מיטגעלאָפן. ער בּאַגעגנט אַ יידן וואָס פירט קאָרן אין מיל. ער פרעגט אים, צי דאָס איז שמוכל. דער ייד ענטפערט, אַז ער פירט אַ בּיסל קאָרן צו מאָלן. דער זשאַנדאַר הייבּט אָן צו שרײַען, אַז דאָס איז שמוכל און שלאָגט מיטן שטעקן דעם יידן, בּיז ער צעבּרעכט איבּער זײַן קאָפּ דעם שטעקן. ער בּאַנוגנט זיך אָבּער דערמיט ניט און רייצט נאָך אָן דעם הונט, און צעבּייסט דעם יידן.

אַן אַנדער זשאַנדאַר האָט געהאַט אַ קייטעלע, וועלכעס ער האָט פאַרצויגן איבּערן האַלז יעדערן, אויף וועמען עס איז געפאַלן אַ חשד, אַז ער בּאַהאַלט עפּעס. ער פלעגט דאָס קייטעלע אַזוי פאַרציען אויפן האַלז, אַז בּײַ דעם „בּאַשולדיקטן" פלעגט אַרויסקריכן די צונג. אַחוץ אַלעמען פלעגן די דײַטשן פון יעדער קלייניקייט זיך אַזוי אויפרעגן, שרײַען און טופּען מיט די פיס, אַז אַלע פלעגן ווערן פאַרציטערט.

וועגן אַ ווידערשטאַנד האָט ניט געקענט זײַן קיין רייד. געווער האָט מען ניט געטאָרט האַלטן. אין דאָרף פאָדוואַראַנץ האָט מען בּײַ אַ פויער געפונען עטלעכע בּאַהאַלטענע בּיקסן. ער האָט עס געטאָן אָן שום פּניה, רעכענענדיק אויסצונוצן דאָס ווען עס איז אויף זײַן כּוירעשן שטייגער אויף מעטאַל, וואָס קען נוצן אין בּאַלעבּאַטישקייט. אמת, עס איז געווען אַ בּאַפעל אָפּצוגעבּן געווער, אָבּער קנאַפּ בּאַפעלן זײַנען אַרויסגעגעבּן געוואָרן! איינער אַ שכן, וואָס איז אין כּעס אויפן פויער — מסרט אים. מען געפינט די בּיקסן. דעם פויער משפּט אַ פעלד־געריכט, וואָס פאַראורטיילט אים צום טויט דורך שיסן. ווילהעלם בּאַשטעטיקט דעם פּסק־דין, וועלכער ווערט אויסגעפירט אין לאַנדוואָראָווע כּמעט אַלעמען אויף די אויגן. די חברים, וואָס זײַנען מיט אים געזעסן, האָבּן געדאַרפט אויסגראָבּן אַ גרובּ פאַר אים, וואו ער איז נאָכן דערשיסן בּאַגראָבּן געוואָרן.

מיט דידאָזיקע מעטאָדן האָבּן די אָקופּאַנטן געוואָרפן אַזאַ אימה אויף דער בּאַפעלקערונג, אַז פאַר קיין שום מאַכט, ניט נאָכדעם, ניט פאַרדעם האָט מען אַזוי ניט מורא געהאַט, ווי פאַר דײַטשן.

## XVIII. די באַציאונג צו יידן און זייער לאַגע.

דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער פּרעס, וואָס האָט געדריקט אַלעמען כמעט גלייך. פון יידישן שטאַנדפּונקט איז דאָס געווען די איינציקע נחמה. נאָכמער — היות ווי מיט יידן האָבן די דייטשן זיך געקענט בעסער צונויפצורעדן — איז די באַציאונג צו זיי געווען עפּעס אַ לייכטערע. יעדנפאַלס האָבן יידן ניט אַזוי אָפט געקראָגן קלעפּ ווי פּויערים. אַגב זיינען די יידן געווען דער נייטיקסטער עלעמענט פאַר די פרעמדע אָקופּאַנטן, וועלכע האָבן זיך ניט געקענט צונויפריידן מיט דער מערהייט פון דער באַפעלקערונג און געמוזט אויסנוצן די יידן אַלס דאָלמעטשער. דערמיט דערקלערט זיך אויך דער פאַקט, וואָס אַ געוויסע צאָל ביוראָ-אַרבעטער זיינען געווען יידישע יונגעלייט און מיידלעך, וועלכע האָבן זיך גיך צוגעלערנט פּראַקטיש די שפּראַך.

עס איז אָפט טאַקע פאָרגעקומען, אַז ביי די אַמטספאָרשטייערס זיינען די יידישע שרייבערס געוואָרן די גאַנצע געשעפטספירערס אין באַצירק און ממילא אויך דעה-זאָגער, הגם אומדירעקט דורך השפּעות, באַפרייאונגען פון רעקוויזיציעס א. אַז. וו.— די שרייבערס האָבן זיך אין אַזאַ פאַל אויך ניט גענאַרט און פאַרשטאַנען, ווי אַזוי אויסצונוצן די פּריוויל'עגירטע לאַגע... די באַעוולטע פּויערים פלעגן טאַקע אָפט קומען ווכן ה'תדלנות טאַקע צו די יידן, מיט וועלכע זיי האָבן געקענט זיך צונויפריידן און דורך זיי עטוואָס פּועלן.

מען קען זאָגן, אַז דאָס האָט אין אַ געוויסער מאָס אויפגעהויבן די חשיבות פון די יידן אין די אויגן פון דער פּויערשער און בכלל קריסטלעכער מאַסע, וועלכע האָט באַשיינפּערלעך געזען, אַז אָט אַזאַ שטאַרקע מאַכט באַציט זיך צום יידן ווי צו אַלעמען און אפשר נאָך אַ ביסל בעסער. דאָס האָט פּראַקטיש איינגעפלאַנצט דעם געדאַנק, אַז יידן זיינען בירגער, וואָס איז פּסיכאָלאָגיש פאַרן פּויער געווען אוממעגלעך זיך פאָרשטעלן אין די צאַרישע צייטן.—

אמת, צווישן די דייטשן, דערהויפּט צווישן די פּויזנער פּאָליאַקן, וועלכע מען האָט געשיקט אין אונזערע קאַנטן צוליב שנראַכלעכע טעמים, האָט ניט געפעלט קיין יידנפרעסער, וואָס האָבן איבערגעחזרט די באַקאַנטע באַשולדיקונגען, אַז יידן זיינען שמוכלער, שווינדלער, מאַכן זיך אַרויס פון צוואַנגסאַרבעט א. אַז. וו. אַזאַ מיינונג האָבן אונטערגעהאַלטן איבערהויפּט די אָפיצערן, וואָס האָבן געשטאַמט פון פּרייסישן יונקערטום.

פונדעסטוועגן האָבן די יידן אַלס אַזעלכע זיך געפילט זיכער בנוגע אַרויסטרעטונגען קעגן זיי, העצעס און וכדומה. ווען אין שטעטל בוטרימאַנץ האָט איינער אַ קריסט געוואָלט מאַכן אַן אַפּערע מיט אַן עלילת-דם און דער גלח האָט אים אונטערגעשטיצט, האָט מען זיי ביידן גלייך אַרעסטירט און שטרענג באַשטראָפט. און מער האָט מען שוין קיינמאָל ניט געהערט קיין רייד אפילו וועגן „באַנוצן בלוט“.

דאָס איז געווען דער איינציקער ליכטיקער פלעק פאַר יידן אין יענער פינסטערער צייט. וואָרים עקאָנאָמיש זיינען די יידן געוואָרן אינגאַנצן רואינירט. דער לעגאַלער מסחר איז כמעט אָפּגעשטאָרבן. סחורה איז ניט געווען ווי און פון וואַנען צו ברענגען. די עטלעכע אַרטיקלען, וואָס זיינען איבערגעלאָזן געוואָרן פאַרן פרייען האַנדל, האָבן ניט געקענט האָבן קיין ממשות צוליב זייער נישטיקייט (דהיינו — ליכט, סאַכאַרין, ציקאָריע). דערצו האָט מען דאָס געדאַרפט קויפן נאָר אין די „קאַזיאָנע“ ערטער. די יידישע בעלי-מלאכות אין שטעטל זיינען געזעסן אָן אַרבעט. דער איינציקער אויסוועג איז געווען צו פאַרדינגען זיך אויף אַרבעט ביי די דייטשן, אָדער צו שמוכלען. דער גרעסטער טייל האָט אויסגעקליבן דעם צווייטן וועג. אַ געוויסער טייל האָט זיך „געשמירט“ אַרום די דייטשן אַלס ביוראָ-אַרבעטער, ליפעראַנטן, דאָלמעטשער, טע-



לערלעקער, וואָס ברענגען די דייטשן פאַרשיידענע פּערזענלעכע נוצן און כאַפּן דערביי אַמאָל אַראָפּ אַביינדל.

מען מוז אויך קאָנסטאַטירן, אַז אַ טייל יידן איז דאַמאָלסט אויך איבערגעגאַנגען צו פּראָדוקטיווער באַשעפטיקונג (שוואַרצע אַרבעטער ביי וואַלד-אַרבעט אָדער אין פאַבריקן), מ'האָט זיך אויך גענומען צו ערדאַרבעט. יעדערער האָט געזען צו פאַרזעצן פאַר זיך קאַרטאָפל, באַאַרבעטן אַ שטיקל גאָרטן. עס איז אַראָפּ דאָס קליינשטעטלשע „דאָס פאַסט פאַר מיר ניט“. איצט האָט שוין אַלץ „געפּאַסט“, אפילו די ערגסטע אַרבעט, אַבי עס זאָל נאָר זיין וואָס צו עסן. די אָרימקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז אַ סך געזינדן זיינען אין די שטעטלעך ממש אויסגעגאַנגען פון הונגער. אַ שטיקל ישועה זיינען געווען נאָר די סומען, וואָס פלעגן זיך באַקומען פון די אויסלענדישע הילפס-קאָמיטעטן. אָבער אויך דאָ האָבן די דייטשן געוואָלט אַוועקלייגן די הענט אויף די געלטער, וואָס זיינען אָנגעקומען דורך זיי, צעטיילן לויט זייער איינזען, עס זאָל גיין פאַר קריסטן אויך, הגם דאָס איז געשיקט געוואָרן ספּעציעל פאַר יידן. וואו זיי האָבן ניט געטראָפן קיין ווידערשטאַנד — האָט זיי זיך דאָס איינגעגעבן. דאָרט אָבער וואו די אָרטיקע פאָרשטייער האָבן זיך איינגעשטעלט, איז דאָס געלט צעטיילט געוואָרן צווישן די, פאַר וועלכע עס איז געשיקט געוואָרן.

אין די שטעטלעך ווי אין די שטעט האָבן די יידישע קרעמלעך, געמוזט זיין אַ געוויסע צייט אָפן אויך שבת און דורך דעם איז בטל געוואָרן אין שטעטל די פּסיכאָלאָגישע מורא פאַר מחלל שבת זיין. די דייטשן האָבן ניט געשוינט די רעליגיעזע געפילן און אָפט אום שבת געטריבן די יידן צו רייניקן די גאַסן, ברוקירן א. אַז. וו. אין דער צייט פון שניט און פוטער-גראָז האָבן יידישע קינדער געמוזט גיין צו דער אַרבעט געצוואונגענערהייט. צו דער אַרבעט פון זאַמלען פאַרשיידענע נוצלעכע גראָזן, אַרומקלייבן שטיינער זיינען צוגעצויגן געוואָרן די לערער מיט די קינדער פון די פאָלקסשולן. אָפּזאָגן זיך פון דער אַרבעט האָט מען ניט געקענט, דען דאָס האָט געהייסן קריגן קלעפּ און שטראָף.—

## XIX. די לאַגע פון די רייכע פּויערים.

דעם פּויער האָט זיך, ניט קוקנדיק אויף אַלע רעקוויזיציעס, געלעבט גרינגער. ער איז פאָרט געווען ניט אונטער דעם שטענדיקן אויג פון די זשאַנדאַרן און אַנדערע באַאַמטע. אים פלעגט זיך איינגעבן צו באַהאַלטן אַ היבשן טייל פון זיינע פּראָדוקטן און אָפט אפילו בהמות. און האָבנדיק דאָך אין אַ איבערפלוס האָט ער געקענט קריגן ביי דעם אויסגעהונגערטן שטאָטמאַן אַלץ, וואָס ער האָט פאַרלאַנגט. אַלע „העכערע“ באַדערפעניש, ווי קליידונג אָדער לוקסוסדיקע זאַכן זיינען ביים שטאָטמאַן אָפּגעפאַלן. עס איז געבליבן בלויז דער נאָכפרעג אויף פּראָדוקטן. פאַר דעם האָט דער פּויער געפאָדערט אַ זריער — רוסיש געלט, דערנאָך דייטשע מאַרקן (קיין אָסט-געלט אָדער באָנעס, ווי מ'האָט דאָס גערופן, האָט ער קיינמאָל גערן ניט גענומען).

ווען דער ווערט פון געלט איז געפאַלן און דערצו איז דער פּויער שוין געווען גענוג רייך אין דעם — האָט ער שוין אָנגעהויבן צו פאָדערן פאַרשיידענע חפצים און ער האָט זיי באַקומען.

דער פּויער האָט אָנגעהויבן צו לעבן בעסער ווי פריער. ער האָט אַליין אויפגעגעסן די פּוטער, אייער, פלייש, וואָס אַמאָל פלעגט ער דאָס פאַרקויפן. עס האָבן זיך געביטן די ראָלעס פון דעם דאָרפסמאַן מיטן שטאָטמאַן. און אַזוי איז דאָס געבליבן עד-היום. דער פּויער זיצט ביי קוואַל פון לעבן און ווערט אַלץ רייכער. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ רעדט זיך ניט וועגן דער לאַגע פון

די ערדלאָזע פויערים, וואָס האָבן געליטן שרעקלעכע נויט און הונגער.

## XX. ענין שולן.

עס איז כּדאַי צו דערמאָנען די באַציאונג פון די אָקופּאַנטן צום ענין שולן. זיי האָבן געזאָרגט, אַז אין יעדן שטעטל זאָל זיין איינע אָדער צוויי שולן (אַ יידישע און אַ קריסטלעכע). דאָרטן, וואו זיי האָבן געהאַט די מעגלעכקייט, פלעגן זיי זעצן אייגענע סאָלראַטן פאַר לערער און לערנען אויף דייטש. וואו דאָס איז ניט געווען מעגלעך צוליב מאַנגל אין איבעריקע מענטשן — זיינען געוועזן באַשטימט לערער אָדער לערערינס פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. די בכורה האָבן געהאַט די, וואָס האָבן געקענט דייטש.

לויט די ריכטליניען פון הינדענבורג האָט די שפּראַך אין די שולן געדאַרפט זיין די מוטערשפּראַך, אָבער בנוגע יידישע שולן האָט מען געזען זיי וואָס מער צו גערמאַניזירן, אָפּגעבנדיק די גרעסטע צאָל שעהן אויף דייטש און אָפט פאָדערנדיק, אַז דער גאַנצער אונטערריכט זאָל גיין אין דייטש, וואָרים „יידיש איז נאָר אַ פאַרדאָרבן דייטש", האָבן די דייטשע שררות נאָכגעזאָגט אונזערע היימישע יידיש=פּרעסער.

די באַפעלקערונג האָט געמוזט אויסהאַלטן די שול, צאָלנדיק אַ שול=שטייער און אויסערדעם צושטעלנדיק אין נאַטור אַלע הצטרכותן פון דער שול, ווי האָלץ, וואַסער א. אַז. וו. אין כּמה ערטער איז דורכגעפירט געוואָרן אַ צוואַנג=באַזוכונג פון דער שול.

קיין טיפע וואָרצלען האָבן דאָך זייערע שולן אין לעבן ניט געלאָזן; די איינציקע מעלה איז געווען, וואָס עס האָט זיך שוין געשאַפן אין די שטעטלעך אַ נויטווענדיקייט פאַר אַ וועלטלעכע שול, און דער חדר האָט שוין ניט געקענט קיינעם באַפרידיקן.

## XXI. דער קאַמף מיט קלעפּיקע קראַנקהייטן.

גאַנץ אָריגינעל האָבן די דייטשן דורכגעפירט דעם קאַמף מיט קלעפּיקע קראַנקהייטן. אין יעדן שטעטל איז געווען באַשטימט אַ הויז אַלס שפּיטאָל פאַר קלעפּיקע קראַנקע.

ווען איינער איז קראַנק געוואָרן, למשל, אויף טיפוס (די פאַרשפּרייטסטע קראַנקהייט, פון וועלכער עס זיינען אויסגעשטאָרבן אפשר $1/_4$ פון דער באַפעלקערונג און איבערגעקרענקט מער ווי אַ העלפט) — פלעגט מען אים אַריינוואַרפן אין „שפּיטאָל". דער פאַרוואַלטער פון „שפּיטאָל" איז מערסטנטיילס געווען דער אָרטיקער פעלדשער, וועלכער פלעגט גאַנצע טעג אַהינצו אַפילו ניט אַריינשמעקן. קיין באַדינונג איז אויך ניט געווען. דער אַריינגאַנג פאַר זייטיקע איז געווען שטרענג פאַרבאָטן, און אַזוי=אַרום איז דער קראַנקער געווען פאַרמשפּט צום טויט. די באַפעלקערונג האָט טאַקע אויפן „שפּיטאָל" געקוקט ווי אויף אַ מתים=שטיבל.

אויך אין די שטעטלעך זיינען געווען כּלומרשט אַיינגעפירט די „אַנטלויזונגס=אַנשטאַלטן", איבערגעמאַכט פון די אָרטיקע בעדער, אָבער דאָס איז געווען בלויז אַ קאַריקאַטור, וואו עס איז ניט געווען ניט קיין הייס וואַסער, ניט קיין הייסע לופט און וואו דער ריינער מענטש האָט געקענט באַקומען אַלערליי קראַנקהייטן דורך פאַרשיידענע אומפלייט.

עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ צוואַנגס=אימפּונג אויף פּאָקן.

זייער קאָמיש איז אויסגעקומען אין די אויגן פון די קליינשטעטלשע איינוואוינער די זאָרג פון די דייטשן פאַר די רעטיראַד=ערטער. די דייטשן האָבן געפאָדערט, אַז זיי זאָלן אויפגעהאַלטן ווערן ריין, האָבן ריינע געזעסן, כּדי דער צורך זאָל אויסגעפירט ווערן אַזוי און ניט אַנדערש.





אין מאַנכע פאַלן ביים רעווידירן און ביים אויספרעגן דעם אופן פון באַנוצן זיך מיטן רעטיראַד, פלעגן די בעלי=בתּים באַשטראָפט ווערן פאַר ניט פאָלגן די פאָרשריפטן פון דער מאַכט בנוגע דעם ענין. פאַר שטעטלשע לצים איז דאָס געווען אַ דאַנקבאַרער שטאָף...

## XXII. אייניקע פּאָזיטיווע זייטן.

מען דאַרף דערמאָנען אייניקע פּאָזיטיווע זייטן פון דער דייטשער טעטיקייט, הגם דאָס איז אויך געווען דורכגעדרונגען מיט צילן פון אייגננוציקייט און נויטווענדיקייט פאַר דער אַרמיי.

גרויס אויפמערקזאַמקייט איז געלייגט געוואָרן אויף צו האַלטן און ברענגען אין אָרדענונג די וועגן. עס זיינען דורכגעפירט געוואָרן נייע שאָסייען, אין בלאָטיקע און ליימיקע ערטער זיינען געלייגט געוואָרן פאָדלאָגעס. אַלע בריקן זיינען געבראַכט געוואָרן אין אָרדענונג. אַ סך וועגן זיינען באַזעצט געוואָרן מיט ביימלעך (ווערבעס). אויף אַלע וועגן זיינען געווען אָנווייזונגען וועגן דער ריכטונג און דער צאָל קילאָמעטערס פון געוויסע פּונקטן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ איז אויסגעפירט געוואָרן מיט דער קראַפט פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

אין די שטעטלעך זיינען אַיינגעפירט געוואָרן פייערלעשער=קאָמאַנדעס. צו איבונגען האָבן געמוזט קומען אַלע מענלעכע איינוואוינער. ביי יעדן הויז האָט געדאַרפט שטיין אַ טון מיט וואַסער. אין פאַל פון אַ שרפה האָבן אַלע געדאַרפט זיך צונויפקומען צו דעם ברענענדיקן אָרט און זען לאָקאַליזירן דעם פייער. און מען דאַרף קאָנסטאַטירן, אַז אַ שרפה אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז געווען אַ זעלטנהייט.

מערקווירדיק איז אויך געווען די באַציאונג פון די דייטשן צו זייערע געפאַלענע סאָלדאַטן, וואָס זיינען געווען באַהאַלטן אין פאַרשיידענע ערטער פון ליטע. פון צייט צו צייט (יעדן זומער) פלעגט אַ ראָטע סאָלדאַטן*) קומען אַרומזען די קברים: שטעלן שטאַקעטן, אַרומלייגן מיט שטיינדלעך, באַפּוצן מיט גראָז, אַרויפשטעלן נייע קרייצן מיט גענויע אויפשריפטן, ווער עס רוט אין קבר, אָפט גאַנץ סענטימענטאַלע. ניט זעלטן פלעגט מען זען אויף די קברים רירנדיקע אויפשריפטן פון עלטערן אָדער פרויען, וואָס זיינען געקומען באַזוכן זייערע ליבע „אויף אייביק פאַרשוואונדענע אין דעם פרעמדן לאַנד.

דאָרטן, וואו עס זיינען געווען אַ סך געפאַלענע, האָבן די דייטשן אַיינגעאָרדנט גרויסע בית=עולמס, וואוהין מ'האָט אַריבערגעטראָגן אַלע איינצלנע, אין פאַרשיידענע ערטער באַהאַלטענע הרוגים. אַזאַ בית=עולם איז געווען אַרומגעצאַמט מיט שיינע שטאַקעטלעך, אינמיטן — אַ טויער, אויף וועלכן עס איז אָנגעשריבן דער נאָמען פון „פרידהויף". די קברים זיינען אַלע אין רעגלמעסיקע גלייכע רייען, הויך אָנגעשאָטן, מיט צלמים און אויפשריפטן. אינמיטן די אַלעען אַ וועלכער-עס=איז סימבאָלישער דענקמאָל פון צעמענט, מערסטנטיילס אַ העלם, וואָס דעקט איבער דאָס געפלעכט פון פאַרשיידענע מינים כּלי=זיין אונטער אים. אויף די ווענטלעך פאַרשיידענע אויפשריפטן: „צום אָנדענקען פון דער גרויסער ניע-מאַן=שלאַכט אין אַווגוסט **1915**. דאָ האָבן זיי געזיגט און געפאַלן". אויפן הויפּט=טויער אַ אויפשריפט: „טריי ביז דעם טויט" און נאָך אַנדערע (אַזאַ מיליטערישער בית=עולם געפינט זיך **4** ווערסט פון טראָק לעבן דערפל זאַזדראָשץ).

די בית=עולמס זיינען געווען באַפּוצט מיט בלומען אָדער ביימלעך. דעם לעצטן יאָר פון אָקופּאַציע זיינען כּמעט אַלע הרוגים אַריבערגעטראָגן געוואָרן אויף די פרידהויפן, אויף וועלכע עס האָט זיך געפילט די דייטשע אָרדענונג און סענטימענטאַליטעט**).

---

*) אין די שטעטלעך האָט מען זיי גערופן חברא-קדישא.

**) אומגעפער מיט אַ יאָר צוריק איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין

## XXIII. באַנדיטיזם.

די רואינירונג פון גאַנצן לעבן, די שרעקלעכע לאַגע פון די קריגס=געפאַנגענע און די צוואַנג=אַרבעטער האָבן געבראַכט צו אַ שטאַרקער אַנטוויקלונג פון באַנדיטיזם, וועלכער איז ביז דער דייטשער אָקופּאַציע אין ליטע געווען גאַנץ אומבאַוואוסט.

פון די אָפּטרעטנדיקע רוסישע חיילות זיינען פאַרבליבן אין אונזער געגנט אייניקע סאָלדאַטן מיט געווער, און ניט קוקנדיק אויף אַלע התראות, האָבן זיי זיך ניט געוואָלט איבערגעבן צו די דייטשן אין געפאַנגענשאַפט. זיי האָבן זיך ווי עס איז אַיינגעבעטן ביי מאַנכע פויערים, מען זאָל זיי לאָזן אַרבעטן אויף די פעלדער. קיין לוין האָבן זיי ניט געפאָדערט, זיך באַנוגנט נאָר מיטן עסן.

ווען די דייטשן פלעגן זיך אָבער דערוויסן, אַז ערגעץ=וואו האַלט זיך אויף אַזאַ „פלעננניק" (אַזוי האָט זיי גערופן די גאַנצע באַפעלקערונג), פלעגט מען זיי תיכף אַרעסטירן. עס האָט דערביי אויך געליטן דער בעל=הבית, ביי וועמען זיי האָבן זיך אויפגעהאַלטן.

און אַזוי=אַרום איז מיט דער צייט פאַר די פלעננניקעס געוואָרן אוממעגלעך צו בלייבן אויף איין אָרט: זיי האָבן זיך באַדאַרפט אויסבאַהאַלטן. די לאַגע פון די געפאַנגענע אין דייטשלאַנד איז אויך געווען שרעקלעך און די, וואָס זיינען געווען ניט ווייט פון דער רוסישער גרעניץ, פלעגן אַנטלויפן. איבערהויפּט האָט זיך פאַרמערט די צאָל פון די אַנטלאָפענע סוף 1917 און אין יאָר 1918.

ביטאָג האָבן זיי זיך באַהאַלטן אין וועלדער, אָדער אין גראָבנס און ביינאַכט אַרויסגיין פון די באַהעלטענישן.

ביי די אַיינוואוינער וואָס ביים וועג פלעגן זיי אָנקלאַפּן אין די פענסטער, בעטן ברויט און מ'זאָל זיי ווייזן דעם וועג. לכתחילה האָט זיי די באַפעלקערונג געשטיצט. אָבער דערנאָך, ווען כון די בלאָנדזשענדיקע גרופּעס האָבן זיך אָנגעהויבן בילדן באַנדעס מיט געווער—האָט מען זיך באַצויגן צו זיי פיינדלעך און מיט פחד. ניט האָבנדיק די מעגלעכקייט דורכצוגיין און זיך דערנערן אויפן פרידלעכן אופן — האָבן די אַנטלאָפענע אָנגעהויבן צו נעמען מיט גוואַלד.

צו די באַנדעס זיינען אויך צוגעשטאַנען די אָרטיקע פאַרברעכערישע עלעמענטן, וועלכע זיינען געווען בייטיק פאַר די פרעמדע אַלס אינפאָרמאַטאָרן. פון די אָרטיקע פלעגן זיי געגנוי געוואָר ווערן, ביי וועמען איז דאָ געלט, פּראָדוקטן, חפצים א. אַז. וו. די אָנפאַלן זיינען פאָרגעקומען אויף רייכערע פויערים, גוטסבאַזיצער, דאָרפסיידן, וועלכע פלעגן וואוינען אייגזאַם אָן שכנות און אויף די וועגן. די ערשטע צייטן פלעגט מען צוקומען צום אָנגעמערקטן הויז, דער גרעסטער טייל פון דער באַנדע (אָפּט צו 15—20 מאַן) פלעגט אַרומרינגלען די שטוב, כדי קיינער זאָל ניט אַנטלויפן. עטלעכע פלעגן שטילערהייט צוגיין (קיין הינט זיינען אין ערגעץ ניט געווען: די דייטשן האָבן אַלע צעשאָסן), אָנקלאַפּן, מען זאָל עפענען. ווען דער בעל=הבית האָט געעפנט, האָט מען אים באַרואיקט, אַז מען וועט אים קיין בייז ניט טאָן, ווען ער וועט אָפּגעבן דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער האָט. דערביי האָבן די באַנדיטן גאַנץ אָפט געמאָלדן: „מיר ווייסן, אַז ביי דיר געפינט זיך אַזעלכע און אַזעלכע געלט (רוסישע אָדער דייטשע), און גאָלד. דאָס אַלץ מוזטו גלייך אָפּגעבן". ווען דער בעל=הבית האָט אַלץ אָפּגעגעבן און די סומע האָט זיי באַפרידיקט—פלעגן זיי צונעמען

ואַזהראָשין אויף דעם בית-עולם, און וואָס פאַר אַ טרויעריק בילד ער האָט שוין פאַרגעשטעלט! די קברים צעגראָבן, די ביינער וואַלגערן זיך, די שטאַקעטן צעריסן און צעבראָכן. איבער די קברים גייען אַרום חזירים און בהמות..





שפייז=פּראָדוקטן און אַוועקגיין מיטן באַפעל צו פאַרשווייגן דעם אָנפאַל.

וואָס ווייטער אָבער האָט זיך דאָס „פרידלעכע" בילד פון די ראַבירונגען געענדערט אויף בלוטיקע מערדערישע גוואַלד=אַקטן.—

די באַנדעס זיינען געוואָרן גרעסער און געפאָדערט מער געלט. די ריזיקע איז געווען אַ גרויסע און זיי זיינען שוין געגאַנגען, ווי מען זאָגט, אויף איינס. די פריערדיקע אָנפאַלן פלעגן פאָרקומען אינמיטן נאַכט, אין די שפּעטערדיקע צייטן פון אָוונט. די הייזער פלעגן אויך ווערן אַרומגערינגלט מיט אַ שמירה, און עטלעכע באַנדיטן פלעגן זיך אַריינרייסן אין שטוב, אָפּט ניט וואַרטנדיק, ביז מען וועט עפענען די טיר, אויסברעכן זי אָדער אַרויסזעצן די פענסטער. די ביקסן אויסגעשטרעקט פאָרויס, עטלעכע שאָסן אין דער לופטן, כדי איבערצושרעקן אויף טויט די גאַנצע פאַמיליע, אַז זי זאָל זיך ניט אַ ריר טאָן פון אָרט.

אַלע האָבן געמוזט אויפהייבן די הענט אין דער הייך אָדער זיך זעצן אַרום אַ טיש, אַרויפלייגן אויף אים די הענט. די באַנדיטן האָבן זיך געווענדט צום בעל=הבית און געמאָלדן אים, אַז ער מוז תיכף שאַפן אַזאַ און אַזאַ סומע געלט.

פאַרשטייט זיך, אַז מ'פלעגט זיי עס געבן, אַבי צו בלייבן לעבן. אָפּט אָבער איז די געפאָדערטע סומע געווען אַזוי גרויס, אַז דער באַפאַלענער, אָפּגעבנדיק אַלץ, האָט דאָך ניט געקענט באַפרידיקן די באַנדיטן. חושד זייענדיק, אַז דער בעל=הבית וויל דאָס געלט פרייוויליק ניט אָפּגעבן—פלעגן די באַנדיטן אים אָנהייבן צו פייניקן אויף אַ שרעקלעכן אופן. צוערשט האָט מען אים געשלאָגן, ווען דאָס האָט ניט געגעבן קיין רעזולטאַטן, פלעגט מען אים שלעפּן, הענגען, שטיקן, שטעכן מיט נאָדלען, ברענען מיט שוועבעלעך א. אַז. וו. טיילמאָל פלעגט מען דאָס אייגענע דורכמאַכן מיט דער באַלעבאָסטע אָדער מיט די עלטערע קינדער. די עקזעקוציע פלעגט דויערן 3—4 שעה. דערביי פלעגן די באַנדיטן אויסטרייסלען אַלץ, וואָס אין שטוב, און אַלע בעסערע קליידער, וועש, שוכוואַרג (אַראָפּנעמען פון די פיס) און חפצים אָנלאָדן אין זעק און טראָגן אין דרויסן, וואו די איבעריקע באַנדיטן האָבן אויף דעם געוואַרט צו פוס און אַמאָל אפילו מיט פורן.

ווען די באַנדיטן האָבן זיך אָבער ערקונדיקט, אַז זיי וועלן באמת שוין מער גאָרניט אויספּרעסן, פלעגן זיי לאָזן דעם קרבן צו רו, פאַרזאָגנדיק, אַז מען זאָל אין משך פון אַ שעה צייט ניט רירן זיך פון אָרט, אַניט וועלן אַלע אָנוועזנדיקע ווערן אומגעבראַכט.

אין אַ סך פאַלן פלעגן די באַנדיטן מעלדן, אַז זיי זיינען באָלשעוויקעס און באַרופן צו פאַרשפּרייטן גערעכטיקייט, אָפּנעמענדיק פון די רייכערע זייער האָב און גוטס*).

טאָמער פלעגט ווער עס איז פון הויזגעזינד פאַלן זיי צו די פיס און בעטן, מען זאָל ניט פייניקן דעם פאָטער אָדער מאַן— פלעגן זיי נאָך מער שלאָגן. ניט איינער איז טאַקע דערשאָסן געוואָרן אויף טויט, ווען ער האָט געמאַכט וועלכע=עס=איז באַוועגונג, וואָס די באַנדיטן האָבן דאָס געקענט אויסטייטשן פאַר אַ ווידערשטאַנד. פיל האָבן ניט אַריבערגעטראָגן די עינויים און געשטאָרבן אין עטלעכע טעג אַרום. אָפט פלעגן פויערים ביים אָנפאַל שטעלן זיך ביי די זייטן פון פענסטער (ווען דאָס הויזגעזינד איז געווען אַ גרויסע) מיט העק און אַרויסווייזן אַ ווידערשטאַנד. נאָר ווייי איז געווען צו זיי, ווען די באַנדיטן פלעגן גובר זיין. דאַמאָלסט איז שוין קיינער ניט געבליבן לעבן. ביים אָנפאַל האָבן די באַנדיטן קיין פייער ניט געלאָזט ברענען, נאָר אויסשליסלעך באַלויכטן מיט עלעקטרישע לעמפּלעך.—אויף אַזאַ שטייגער זיינען באַרויבט געוואָרן טוי זנטער פאַמיליעס. כמעט יעד נאַכט פלעגט טרעפן וואו=עס=איז אַן אָנפאַל.

*) זע אויך מיין אַרטיקל „זכרונות פון די אַפּריל-טעג" אין דעם „פּנקס"

די באַנדיטן האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין ישובים ביי אייניקע פאַרדעכטיקע פּערזאָנען, דורך וועלכע זיי פלעגן אײַנקויפן, וואָס זיי האָבן געהאַט נייטיק. בּײַטאָג פלעגן זיי זיצן אין די גרויסע אָקאָפּעס, וועלכע זיינען געבליבן פון קריג. ווינטער האָבן זיי דאָרטן אַרײַנגעשטעלט אפילו אייוועלעך.

די באַפעלקערונג האָט מער אָדער ווייניקער געוואוסט, וואו זיי האַלטן זיך אויף, אָבער מען האָט געציטערט אויסצוזאָגן, ווייל אין פאַל פון מעלדן די דייטשן פלעגן די באַנדעס נקמה נעמען פון דער באַפעלקערונג, אונטערצינדנדיק אָדער אומבּרענגענדיק די, וואָס זיי האָבן חושד געווען אין דער מסירה.

איינמאָל האָבן זיי באַגעגנט אַ יונגן קריסט פון ישוב אויקשלינע און האָבן אים פאָרגעלייגט צו גיין מיט זיי; דערביי האָבן זיי אָפּגעלאַכט פון אים, וואָס ער גייט אַרבּעטן אין דער צייט ווען זייער ברויט איז אַזאַ גרינגער און שפּעדיקער. מורא האָבנדיק זיי צו אַנטזאַגן, האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט זיך באַדענקען. די באַנדיטן האָבן אים פאַרזאָגט קיינעם ניט צו דערציילן וועגן דעם. דער קריסט האָט אָבער דערציילט, און עס איז דערגאַנגען צו די באַנדיטן. איינמאָל ביינאַכט זייגען זיי געקומען צו זיין פאָטער, אָנגעקלאַפּט אין פענסטער, אַרויסגערופן אים מיטן נאָמען און געזאָגט צו אים: „דו האָסט אַ לאַנגן צונג" און אויסגעשניטן אים אַ האַלבע צונג.

די דייטשן האָבן לכתחילה ענערגיש געקעמפט מיט די באַנדעס. ווען מען פלעגט טרעפן מיט געווער — פלעגט מען שיסן. אָבער דערנאָך האָט זיך די צאָל באַנדעס פאַרגרעסערט. די באַפעלקערונג האָט מורא געהאַט אָנצווייזן אויף די ערטער, וואו זיי האַלטן זיך אויף.

אגב פאַרן עוואַקויִרן זיך האָבן שוין די דייטשן מער געטראַכט ווי צו ראַטעווען זיך אַליין און זיי זיינען געווען צופרידן, אַז באַגעגענענדיק זיך מיט די באַנדיטן — בלייבן זיי לעבן. און עס זיינען טאַקע געווען פאַלן, ווען באַנדיטן זיינען אָנגעפאַלן אויף באַוואָפנטע דייטשן און זיי דערהרגעט.

דעריבער ווען די געליטענע פלעגן מעלדן דער זשאַנדאַרמעריע נאָכן אָנפאַל וועגן זייער חשד, אַז די באַנדיטן האַלטן זיך אויף אין דעם אָדער יענעם אָרט, — האָבן די דייטשן ניט געהאַט קיין צו שטאַרקן חשק צו פאָרן אַהינצו און צו זוכן, דעריבער זיינען די לעצטע חדשים פון 18-טן יאָר אַלע רויב-אָנפאַלן געבליבן ניט אַנטדעקט. די מיליטער-פאַרוואַלטונגען פלעגן באַקומען צענדליקער מעלדונגען טעגלעך פון די קרייזהויפּטמאַנס וועגן די אָנפאַלן און הריגות.





זיי האָבן אָבער דאַמאָלסט ניט אָנגענומען קיין שריט צו ליקווידירן אָדער באַקעמפן דעם באַנדיטיזם.

די באַנדיטן זיינען געווען כמעט אויסשליסלעך רוסן, אויף וויפיל מען האָט עס געקענט פעסטשטעלן פון זייער ריידן אויף רוסיש.

דער באַנדיטיזם האָט זיך אַזוי צעוואַקסן, אַז גאַנצע שטעטלעך האָבן אָנגעהויבן מורא צו האָבן פאַר די אָנפאַלן פון די באַוואָפנטע באַנדעס, וואָס זיינען אין אייניקע ערטער פאָרגעקומען. אין די שטעטלעך האָט מען אָרגאַניזירט אַ וואַך, וועלכע פלעגט אַרומגיין ביינאַכט. דערין האָט אָנטייל גענומען די גאַנצע באַפעלקערונג.

## XXIV. די ליקווידאַציע.

די לעצטע חדשים פאַרן אַוועקגיין האָבן די דייטשן פּיבּערהאַפטיק גענומען אַרויספירן די רעקווירירטע תבואות מיט די איבעריקע געגנשטאַנדן. אָבער גאָר צום סוף האָבן די פויערים שוין אָנגעהויבן ניט צו לאָזן.

די דייטשן האָבן מורא געהאַט פאַר דער אויפגערעגטער באַפעלקערונג און שלאָפנדיק אָנגעטאָנענערהייט געהאַלטן ביי זיך געווער און האַנטגראַנאַטן. און ווי קלעך, אין אייניקע ערטער איז פאָרגעקומען די אַנטוואָפענונג פון די דייטשן. די דייטשן פלעגן שיסן אין אויפגערעגטן המון, פון וועלכן עס זיינען געפאַלן געהרגעטע.

די מורא פאַר די דייטשן איז שוין אַראָפּ. די לעצטע האָבן געזען וואָס גיכער זיך אָפּצוטראָגן, דערביי האָט מען אויסגעפאַ-קויפט קאַזיאָנע זאַכן, כדי צו מאַכן פאַר זיך וואָס מער געלט די מאַכט איז אַריבּער צו די אָרטיקע קאָמיטעטן פון בירגער, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט מיליציע.*)

די דייטשן זיינען אָפּגעפאָרן ראָטעסווייז מיט אָנגעלאָדענע ביקסן אין די הענט.

די תבואה, וואָס מען האָט ניט באַוויזן צו פאַרקויפן אָדער וועלכע מען האָט ניט ערלויבט אַרויסצופירן, איז איבערגעגעבן געוואָרן די אָרטיקע בירגער-קאָמיטעטן (טאַריבּעס).

די דייטשן זיינען בחיפזון אַנטלאָפן אין פאָטערלאַנד אַריין.

די מאַכט פון דער אייזערנער פויסט האָט באַנקראָטירט. דאָס לאַנד איז דערפירט געוואָרן צו אַ כאַאָס...

וּוילנע, אָקטאָבּער, 1921.

---

*) זע דעם אָנגעוויזענעם אַרטיקל מיינעם.



יוסף בעקער.

# נאָך דער דייטשער אָקופּאַציע.

## אײנדרוקן פון אַ רײזע איבער ווילנע — גראָדנע — ביאַליסטאָק.

.I

ווילנע האָט דעם לעצטן חודש פאַר דעם אַרײנמאַרש פון די באָלשעוויקעס ד. ה. אין דעצעמבער 1918, איבערגעלעבט גרויסע און וויכטיקע געשעענישן, וועלכע האָבן אײנגעשריבן זײער אינטערעסאַנטע בלעטער אין דער געשיכטע פון דער אַלטער היסטאָרישער שטאָט. נאָך די צרות, וואָס די ווילנער באַפעלקערונג איז אויסגעשטאַנען פון דער רוסישער אַרמײ, אײדער זי האָט פאַרלאָזן ווילנע, נאָך די גרויסע און שרעקלעכע עינויים, וואָס מ'האָט איבערגעלעבט אין דער צײט פון דער דײטשער אָקופּאַציע, איז איצט אָנגעקומען אַ נײע סדרה פון פורעניות, וועלכע זײנען אַנטשטאַנען צוליב דעם קאַמף פאַר דער מאַכט, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צווישן די פאַרשײדענע גרופּן פון דער באַפעלקערונג פון דער דאָזיקער נאַציאָנאַליטעטן=שטאָט.

די מוסטערהאַפטיקע אָרדענונג, וואָס די דײטשן האָבן אײנגעשטעלט אין ווילנע פאַר דער צײט פון דער אָקופּאַציע, האָבן זײ אויסגענוצט אויסשליסלעך פאַר זײערע מיליטערישע אינטערעסן.

נאָך דער רוסישער פעברואַר=רעוואָלוציע פון יאָר 1917 האָבן די דײטשן פאַרשטאַנען, אַז זײ קאָנען זיך מער ניט באַנוגענען מיט אַ רײן=מיליטערישער מאַכט און אַז עס איז געקומען די צײט, ווען די דאָזיקע מאַכט דאַרף זיך אָנשפּאַרן אויף אַ וועלכער עס איז נאַציאָנאַלער גרופּע. די דײטשן האָבן דאַמאָלסט געשאַפן די „טאַריבע", אַ מין אָרטיקע פאַרוואַלטונג, וועלכע זאָל רעפּרעזענטירן אַלע נאַציאָנאַלע גרופּעס, אָבער וואו די ליטווינער האָבן געדאַרפט האָבן די אײבערהאַנט, ווײל אויף די פּאָליאַקן האָבן די דײטשן מורא געהאַט צו פאַרלאָזן זיך נאָכדעם, ווי אַלע זײערע פּרובן צו שליסן אַ ליבע=שידוך מיט די פּאָליאַקן אין פּוילן גופא האָבן זיך געענדיקט מיט אַ פולן באַנקראָט.

די נײ=געשאַפענע טאַריבע האָט פאַקטיש קײן רעכט ניט געהאַט, ווײל די דײטשן האָבן בשום אופן ניט געוואָלט אַרויסלאָזן פון די הענט פון דער אָבאָסט=מיליטער=פאַרוואַלטונג די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט, און די גאַנצע טאַריבע מיט אַלע רעדעס וועגן דער ליטווישער זעלבשטענדיקײט האָבן געהאַט נאָר אײן ציל — צו פאַרדעקן אַ ביסל מיט דעקאָראַטיווע אינסטיטוציעס די מיליטערישע הפקרות, וועלכע האָט געפּרעסט און געדריקט די גאַנצע באַפעלקערונג פון ליטע.

די פּוילישע באַפעלקערונג פון ליטע, וועלכע האָט ניט געוואָלט וויסן פון אַ ליטווישער זעלבשטענדיקײט און האָט געשטרעבט, אַז ליטע זאָל זיך פאַראײניקן מיט פּוילן, וועלכע האָט אין אַ געוויסער צײט געקעמפט אַפילו קעגן דעם, אַז די ליטווישע שפּראַך זאָל אָנערקענט ווערן אין דער קירך, האָט זיך איצט אויך פולקום נעגאַטיוו באַצויגן צו אַלע ליטוויש=דײטשע פּלענער און האָט בשום=אופן ניט געוואָלט וויסן פון אַזעלכע מאַכט=אָרגאַנען, וואו אַנדערע נאַציאָנאַלע גרופּעס, און ניט די פּוילישע, זאָלן שפּילן די ערשטע ראָלע.

אין דער צײט פון דער אָקופּאַציע האָבן די אַלע שמועסן וועגן דער טאַריבע אין אַ געוויסער מאָס געהאַט נאָר אַ טעאָרעטישן כאַראַקטער, ווײל פאַקטיש איז די מאַכט געבליבן בײ די דײטשן.



אָבער נאָך דער נאָוועמבער=רעוואָלוציע אין דײטשלאַנד ווען די גאַנצע דײטשע מיליטער=מאַשין האָט געפּלאַצט און די אָקופּאַנטישע אַרמײ, וועלכע האָט געדריקט די באַפעלקערונג פון ליטע, איז דורכגעדרונגען געוואָרן נאָר מיט דעם אײן וואונטש — וואָס גיכער צו אַנטלויפן פון די אָקופּירטע געגנטן און אומקערן זיך אַהײם, איז די פראַגע וועגן די יורשים פון דער דײטשער אָקופּאַציע=מאַכט געוואָרן זײער אַקטועל פאַר ליטע און פאַר דער ליטווישער הויפּט=שטאָט ווילנע.

קודם=כל האָבן אויף דער מאַכט פּרעטענדירט די ליטווינער מיט זײער טאַריבע, אין וועלכער ס'זײנען דעמאָלט געווען פאָרגעשטעלט כמעט אַלע ליטווישע פּאַרטײען ביז די סאָציאַליסטישע; זײ האָבן געהאַט מער זכות אויף דער ירושה, ווײל די טאַריבע, וועלכע איז געווען אַן אויפטו פון די דײטשן, איז געווען פאַרבונדן מיט דער דײטשער מאַכט מער פון אַלע איבעריקע אָרגאַניזאַציעס.

די טאַריבע — אַ מין פּאַרלאַמענט — האָט געשאַפן די ליטווישע רעגירונג, וועלכע האָט יורידיש געהאַט אַלע רעכט פון אַ רעגירונג, אָבער פאַקטיש קײן זאַך ניט פאַרמאָגט — ניט קײן מיליטער, ניט קײן געלט און ניט קײן שום רעגירונגס=אַפּאַראַט: אָט די דאָזיקע עלעמענטאַרסטע און נויטווענדיקסטע אַטריבוטן פון אַ רעגירונג האָט די טאַריבע צוזאַמען מיט דער ליטווישער רעגירונג ערשט נאָך אָנגעהויבן צו שאַפן און אָרגאַניזירן. און אַזוי ווי די צײט איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערע, האָט די ליטווישע רעגירונג געמוזט צוזאָגן אַלדאָס גוטס און האָט פאַרעפנטלעכט אַ ברײטע דעמאָקראַטישע פּראָגראַם — פּאָליטישע און סאָציאַלע הבטחות; וועגן די פּאָליאַקן איז דאָך אָפּגערעדט, אַז מ'האָט זײ צוגעזאָגט מכל=טוב, נאָר אַפילו די ײדן האָט מען אײנגעלאַדן אין טאַריבע און מ'האָט זײ געגעבן גאַנצע דרײ ערטער אין מיניסטעריום (אַדוואָקאַט ש. ראָזנבוים — וויצע=מיניסטער פאַר אויסלענדישע ענינים, ד"ר י. ראַכמילעוויטש — וויצע=מיניסטער פאַר האַנדל און ד"ר וויגאָדסקי — מיניסטער פאַר ײדישע ענינים).

די טאַריבע און די ליטווישע רעגירונג האָט זיך גענומען ערנסט צו דער אַרבעט, באַשטימט אומעטום, אין אַלע שטעט און שטעטלעך, קאָמיסאַרן, אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַן אײגענע אַרמײ, אָנגעהויבן טראַכטן וועגן פינאַנס=פּאָליטיק, וועגן שטײער וכדומה — מיט אײן וואָרט גענומען פירן אַ גרויסע פּאָליטיק און האַלטן זיך פאַר אַן אמתער רעגירונג, וועלכע האָט וואָס צו זאָגן דעם לאַנד און דער באַפעלקערונג.

אָבער אין דער זעלבער צײט, וואָס די ליטווישע רעגירונג האָט זיך באַמיט צו ווײזן, אַז זי האָט די מאַכט, האָבן די פּוילישע רעדל=פירער געפּרובט שאַפן אַן אײגענע רעגירונג מיט אַן אײגענעם מיליטער און מיט אַן אײגענעם פּאַרלאַמענט. די פּאָליאַקן האָבן אַראַנזשירט אַ צוזאַמענפאָר אין ווילנע פון פאָרשטײער פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט געדאַרפט אויסוויילן אַ קאָמיטעט, וואָס זאָל איבערנעמען די מאַכט און זאָל שאַפן אַ רעגירונג. דער זעלבער פּוילישער קאָמיטעט האָט זיך אויך פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן אַן אַרמײ, וואָס דאָס איז געווען אַלץ לײכט דורכצופירן, ווײל צווישן די פּאָליאַקן אין ליטע האָט עקסיסטירט די זעלבע געהײמע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע ווי אין

קאָנגרעס=פוילן, וועלכער איז פאַקטיש געלונגען אין אַ געוויסער מאָס אָפצורייניקן גאַנץ פוילן פון דער אָקופאַציע=אַרמיי אין משך פון אַ גאַנץ קורצער צייט.

דער פוילישער קאָמיטעט פלעגט אויך באַשטימען אין יעדער שטאָט און שטעטל זיינע קאָמיסאַרן, וועלכע האָבן אויך געדאַרפט רעגירן איבער דער באַפעלקערונג אין נאָמען פון פוילישן קאָמיטעט, ד. ה. דער צייטווייליקער פוילישער רעגירונג. דער פוילישער קאָמיטעט איז שוין ניט געווען אַזוי ברייט אויף הבטחות, ער האָט זיך אויך ניט רעקרוטירט פון פאַרשיידענע פאַרטייען, נאָר פאַקטיש רעפרעזענטירט בלויז די עכטע קלעריקאַלן און די רעכטע „נאַראָדאָווע" פאַרטייען, וועלכע האָבן געשטרעבט צו באַהעפטן ליטע מיט פוילן און איינפירן דאָ די זעלבע צָר׳ענונגען און די זעלבע נאַציאָנאַלע פאַרהעלטענישן, ווי אין זייער קרוינלאַנד.

אַחוץ די צוויי נאַציאָנאַלע רעגירונגען האָט זיך דעמאָלט אין ווילנע אָרגאַניזירט אַן אַרבעטער=ראַט, וועלכער האָט אויף דער ערשטער זיצונג זיך תיכף פראָקלאַמירט אַלס איינציקע מאַכט און האָט זיך פאַרנומען מיט דער אָרגאַניזאַציע פון אַן אייגענער מיליציע, וואָס האָט באַדאַרפט זיין באַוואָפנט.

דער אַרבעטער=ראַט האָט אַרויסגעגעבן פאַראָרדענונגען און אינסטרוקציעס, געפרובט רעגולירן דעם האַנדל, דעם אַרויספיר פון סחורה וכדומה.

די פאַקטישע מאַכט האָט נאָך אַלץ געהאַט די דייטשע פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט אָפיציעל אַפילו רעזיגנירט פון צו מישן זיך אין די אינווייניקסטע שטאָט=ענינים, ביי די דייטשן אין די הענט איז נאָך אַלץ געלעגן די אַייזנבאַן, דער דערנערונגס=אַפאַראַט און דער עיקר, זיי האָבן געהאַט אַ גענוגנדיקע קראַפט — אַן אַרמיי פון סאָלדאַטן, וועלכע האָבן שטענדיק געקאָנט צווינגען אויסצופירן אַלע באַפעלן. ניט ווייניקער וויכטיק איז אויך געווען דער אומשטאַנד, וואָס די גאַנצע באַפעלקערונג האָט זיך אין משך פון דער אָקופאַציע=צייט צוגעוווינט פאָלגן אַלע דייטשע באַפעלן און פאַראָרדענונגען.

ביי אַזוי פיל רעגירונגען איז דער באַפעלקערונג געווען גאַנץ שווער צו וויסן, וועלכע פאַראָרדענונגען זי מוז מקיים זיין און וועלכע קען זי גאַנץ קאַלטבלוטיק איגנאָרירן.

ס׳איז געווען אַ פראַגע פון קראַפט, און די ווילנער באַפעלקערונג האָט זיך גאַנץ גיך געקאָנט איבערצייגן, אַז דער איינציקער אָרגאַן, וואָס האָט פאַקטיש די מאַכט אין זיינע הענט, איז דער אַרבעטער=ראַט ניט נאָר דערפאַר, וואָס אַרום ווילנע האָבן זיך געזאַמלט באָלשעוויסטישע חיילות, וועלכע האָבן געקעמפט פאַר דעם לאָזונג „די גאַנצע מאַכט די ראַטן", נאָר אויך דערפאַר, וואָס די גאַנצע אַרבעטער=באַפעלקערונג פון ווילנע האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַרום און פאַר דעם אַרבעטער=ראַט.

סיי די ליטווישע טאַריבע און סיי דער פוילישער קאָמיטעט האָבן ניט געהאַט קיין גענוגנדיקע מיליטערישע קראַפט, כדי באמת איבערצונעמען די מאַכט. זייערע אַרמייען האָבן זיך אָקאָרשט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן און אַחוץ אָפיצירן און קאָמאַנדירן האָבן זיי נאָך כמעט גאָרנישט געהאַט.

די דייטשע מאַכט האָט זיך באַצויגן מיט מער צוטרוי צו די ליטווינער ניט נאָר דערפאַר, וואָס פאַקטיש האָבן די דייטשן געשאַפן די גאַנצע טאַריבע, נאָר אויך דערפאַר, וואָס די דייטשן האָבן פאַר די ליטווינער געהאַט ווייניקער מורא ווי פאַר די פאָליאַקן, וועלכע האָבן שוין אָרגאַניזירט אין פוילן אַ געוויסע אַרמיי, זיך נוקם געווען אָן די דייטשע סאָלדאַטן אין די לעצטע טעג פון דער דייטשער ממשלה אין פוילן און פאַריאָגט זיי פון אייניקע ערטער ממש נאַקעט און באָרוועס. די דייטשן האָבן דעריבער מורא געהאַט, אַז אויב זיי וועלן ערלויבן די פאָליאַקן אין ליטע צו שאַפן אַן אַרמיי, זיינען דאַן די דייטשן אין ליטע ניט זיכער פון אַ פוילישן איבערפאַל.

די דייטשן און די ליטווינער האָבן גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז דער איינציקער אָנהאַלט פאַר דער ניי=געשאַפענער ליטווישער רעגירונג קאָן זיין נאָר די דייטשע אַרמיי, הגם זי איז שוין געווען דאַן גענוג צעפוילט אינווייניק און דעמאָראַליזירט.

די ליטווינער האָבן ניט געקאָנט פאַרלאַנגען, אַז די דייטשע אָקופאַציע=אַרמיי זאָל אויף לאַנג פאַרבלייבן אין לאַנד, אָבער קלאָר איז געווען פאַר יעדערן, אַז אָן דייטשער הילף וועט זיך די ליטווישע רעגירונג ניט קאָנען האַלטן אַפילו איין מינוט, ניט נאָר קעגן דער באָלשעוויסטישער אַרמיי, נאָר אַפילו קעגן די פאָליאַקן.

די דייטשע קאָמאַנדע האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען די לאַגע און האָט דעריבער געשטיצט די ליטווינער, אָפגעגעבן זיי פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, בנינים א. אַנד., אָבער די קאָמאַנדע האָט אויך געמאַכט אַ פאַלשן חשבון דערמיט, וואָס זי האָט געמאַכט דעם חשבון אָן דעם בעל=הבית. די דייטשע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן דעמאָלט פון קיין זאַך ניט געוואָלט וויסן און מיט קיין געהיימער פאָליטיק זיך ניט געוואָלט רעכענען, האָבן געהאַט איין וואונטש: וואָס גיכער אומצוקערן זיך צוריק קיין דייטשלאַנד.

די דייטשע סאָלדאַטן זיינען דעמאָלט געווען זייער ספאַרטאַקיסטיש געשטימט און האָבן בשום=אופן ניט געוואָלט צוהערן זיך צו די זיסע ווערטער פון די פאַרשיידענע אָנפירער פון די סאָלדאַטנראַטן, וועלכע האָבן געפירט אַ קלאָרע און דייטלעכע פראָפאַגאַנדע צווישן די סאָלדאַטן, אַז זיי זאָלן פאַרבלייבן ווייטער אין ליטע, צוזאָגנדיק זיי גוטע שכירות און קעסט, וואָס זיי וועלן ניט האָבן אין פאָטערלאַנד, וואו זיי ערוואַרט הונגער, נויט און אַרבעטסלאָזיקייט.

אַזעלכע טענות האָט מען שטענדיק געקאָנט הערן אויף די פאַרזאַמלונגען פון די סאָלדאַטן און אין דער דייטשער אַרמיי=פרעסע.

ביי אַזאַ שטימונג צווישן די דייטשע סאָלדאַטן איז ניט קיין וואונדער, וואָס די סאָלדאַטנראַטן, מיט וועלכע ס׳האָבן אָנגעפירט אָדער אָפיצירן, אָדער מערהייטס=סאָציאַליסטן, האָבן ניט געקאָנט זיך אָנשפאַרן אויף די אַרמיי=מאַסן און ביי דעם ערשטן צוזאַמענשטויס צווישן דעם שטאָטישן אַרבעטער=ראַט און דעם סאָלדאַטנראַט האָט כולקום מנצח געווען דער ערשטער, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס דער סאָלדאַטנראַט האָט אָפיציעל רעפרעזענטירט אַ גרויסע סאָלדאַטן=מאַסע.

דער אַרבעטער=ראַט האָט געפאָדערט, אַז מ׳זאָל באַפרייען פון די טורמעס די פאָליטישע אַרעסטירטע, און אַז דער סאָלדאַטנראַט זאָל ניט אַרויספירן פון שטאָט די זאַפאַסן לעבנסמיטלען, די באַן=וואַרשטאַטן און לאָקאָמאָטיוון.

דער סאָלדאַטנראַט האָט ניט געוואָלט נאָכגעבן ביידע פאָדערונגען, ער האָט געפרובט טענהן, אַז אַלע דאָקומענטן וועגן די אַרעסטירטע זיינען איבערגעשיקט געוואָרן קיין בערלין, און אַז סיי ווי סיי רעכנט מען ניט אַרויסצופירן פון שטאָט קיינע זאַפאַסן, אָבער עס איז גענוג געווען, אַז דער אַרבעטער=ראַט זאָל פראָקלאַמירן אַ שטרייק, אַז דער סאָלדאַטנראַט זאָל זיך תיכף אונטערגעבן און אויף אַזאַ אופן אונטערשטרייכן די מאַכט און די באַדייטונג פון דעם אַרבעטער=ראַט. אַלע פאָליטישע אַרעסטירטע זיינען באַפרייט געוואָרן ביינאַכט, און כדי צו מאַניפעסטירן די קראַפט און ווירקונג פון אַרבעטער=ראַט האָט די געוועזט פאַרשטרייקטע עלעקטרישע סטאַנציע תיכף געגעבן ליכט, כדי די אַרבעט פון דער טורמע=קאָמיסיע זאָל לייכטער געפירט ווערן.

דער שטרייק האָט ניט נאָר באַוויזן, אַז ניט קוקנדיק אויף די פאַרשיידענע „רעגירונגען", איז דער פאַקטישער בעל=דעה

איבער שטאָט דער אַרבעטער־ראַט, נאָר ער האָט אויך געבראַכט דערצו, אַז די דייטשן זאָלן זיך צואיילן מיט זייער עוואַקואַציע, ווייל זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַרן שטרייק און האָבן מורא געקראָגן, אַז מ׳זאָל, חלילה, ניט אויסנוצן נאָכאַמאָל דעם זעלבן מיטל, כּדי צו פאַרשווערן זייער עוואַקואַציע. אַחוץ דעם האָבן די אָנפירער פון די סאָלדאַטנראַטן בכלל זיך דערשראָקן פאַר דער באָלשעוויסטישער מגפה, זי זאָל ניט אָנשטעקן אויך די דייטשע סאָלדאַטן און ניט פאַרשטאַרקן צווישן זיי די ספּאַרטאַקיסטישע באַוועגונג.

די דייטשע סאָלדאַטן און די אָפיצירן האָבן גענומען אין גרויס איילעניש אַלץ אויספאַרקויפן, כּדי גרינגער צו מאַכן זייער אַוועקפאָר. זיי האָבן איבערגעגעבן די גאַנצע שטאָט־ווירטשאַפט און אין משך פון אַ קורצער צייט באַפרייט זיך פון אַלע איבעריקע זאַפּאַסן, פאַרמאַכט פאַר פרעמדע פערזאָנען די באַנבאַוועגונג און איבערגעלאָזט די שטאָט מיט דער גאַנצער באַפעלקערונג אונטער דער ממשלה פון דריי מאַכט־אָרגאַנען, וועלכע האָבן געפירט צווישן זיך אַ פאַרביטערטן קאַמף.

.II

די לעצטע טעג פון דעצעמבער, ווען די לעצטע דייטשע עשעלאָנען האָבן פאַרלאָזן די שטאָט, מוזן באַזונדערס באַשריבן ווערן אין דער געשיכטע פון ווילנע.

פאַר קיינעם איז קיין ספק ניט געווען, אַז צווישן די אַלע פּרעטענדענטן אויף דער ממשלה איבער ווילנע און ליטע וועט מוזן אויסברעכן אַ שטרייט, קיינער האָט אָבער זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז דער דאָזיקער שטרייט וועט אָננעמען אַזעלכע בלוטיקע פאָרמען.

אָפיציעל האָבן געקעמפט צווישן זיך די ליטווישע און די פוילישע נאַציאָנאַלע גרופּן, וועלכע האָבן דעם דאָזיקן קאַמף אָנגעהויבן אַ סך פריער, איידער די דייטשן זיינען נאָך אַריין אין ווילנע, און וועלכער האָט זיך אין אַ געוויסער מאָס ניט אָפּגעשטעלט אין דער גאַנצער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

הגם די ליטווישע גרופּע האָט אָפיציעל איבערגענומען פון די דייטשן אַ סך רעגירונגס־אינסטיטוציעס און האָט כּלומרשט באַקומען די ירושה אויף דער מאַכט, פונדעסטוועגן איז זי געווען אַ סך שוואַכער פון דער פּוילישער גרופּע ניט נאָר דערפאַר, וואָס די פּוילישע באַפעלקערונג פון ווילנע איז בכלל ניט דער ערך גרעסער פאַר דער ליטווישער, נאָר אויך צוליב דעם, וואָס די פּאָליאַקן זיינען געווען בעסער אָרגאַניזירט.

די פּוילישע נאַציאָנאַלע גרופּע איז כּמעט אינגאַנצן געשטימט געווען רעכט און ניט קוקנדיק אויף דער רעוואָלוציאָנערער צייט, וואָס האָט ביי אַלע ריכטונגען פאָראויסגעזעצט אַ געוויסן גראַד ליבעראַליזם און דעמאָקראַטיזם, זיינען די אָנפירנדיקע קרייזן פון די פּאָליאַקן אין ווילנע געווען זייער קאַרג אויף הבטחות בנוגע צו פאַרשיידענע פּאָליטישע און דערהויפּט נאַציאָנאַלע פראַגן, וועלכע זיינען געווען די ווייכטיקסטע אין אַזאַ נאַציאָנאַליטעטן־שטאָט ווי ווילנע.

די פּוילישע גרופּע האָט אויך געהאַט אַ מיליטערישע אָרגאַניזאַציע, די באַרימטע „פּ. אָ. וו.“, וועלכע האָט ניט אָפּגעשטעלט איר טעטיקייט אפילו אין די שווערסטע צייטן פון דער אָקופּאַציע און וועלכע האָט ביי די איצטיקע באַדינגונגען געקאָנט שפּילן אַ ווייכטיקע ראָלע.

פּ. אָ. וו. האָט געוואָלט איבערחזרן אין ווילנע די זעלבע מעשה מיטן אַנטוואָפענען די דייטשן, ווי עס איז מיט אַ קורצער צייט פריער פאָרגעקומען אין וואַרשע: עטלעכע „פּעאָוויאַקעס“ האָבן זיך אַריינגעריסן אין אַ וואוינונג פון אַ דייטשן אָפיציר און געוואָלט אים אַנטוואָפענען, אָבער ער האָט זיך געשטעלט אַנטקעגן, געמאַכט אַ טומל, און ווען עס זיינען זיך צונויפגעלאָפן דייטשע סאָלדאַטן, איז צווישן די צוויי צדדים פאָרגעקומען אַ שלאַכט, וועלכע האָט געבראַכט צו קרבנות פון ביידע זייטן.

דער דייטשער סאָלדאַטנראַט האָט פאַרשטאַנען די סכנה, וואָס די דייטשן דראָט מצד די „פּעאָוויאַקעס“ און אין אַ באַזונדערן אויפרוף צו אַלע דייטשע סאָלדאַטן האָט ער זיי געוואָרנט מיט דער מעשה לעמבערג און וואַרשע און זיי אויפגעפאָדערט, אַז זיי זאָלן שטענדיק גיין מיט אָנגעלאָדענעם געווער, כּדי צו דערשטיקן גלייך אין וואָרצל יעדן פּרוב פון דער פּוילישער נאַציאָנאַלער זייט צו אָרגאַניזירן אַ באַוואָפנטן אַרויסטריט.

אָנשפּאַרנדיק זיך אויף אַזאַ קראַפט, האָבן די פּוילישע איינוואוינער פון ווילנע געקאָנט מיט מער דרייסטקייט ריידן וועגן דעם, אַז זיי וועלן איבערנעמען די מאַכט איבער דער שטאָט און געגנט.

די ליטווישע אַרמיי, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָקאָרשט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן, איז באַשטאַנען דערווייל נאָר פון גענעראַלן און אָפיצירן, עס האָבן זיך שוין געהאַט אָרגאַניזירט שטאַבן מיט קאַנצעליאַריעס, וועלכע פלעגן פאַרעפנטלעכן פאַרשיידענע באַפעלן, אָבער קיין באַוואָפנטע מאַכט, וועלכע זאָל קענען צווינגען די דאָזיקע באַפעלן צו ערפילן, האָבן די ליטווינער אין ווילנע ניט פאַרמאָגט.

אַחוץ די דאָזיקע פּרעטענדענטן אויף דער מאַכט איז נאָך געווען דער אַרבעטער־ראַט, אַרום וועלכן עס האָבן זיך גרופּירט די אַרבעטער פון אַלע ווילנער נאַציאָנאַלע גרופּן, פּאָליאַקן, ליטווינער און יידן, און וועלכער האָט באַלד אין די פיינדלעכע קרייזן באַקומען אַ נאָמען פון אַ יידישן אָרגאַן.

דער אַרבעטער־ראַט האָט ניט געהאַט קיין באַוואָפנטע מיליטערישע גרופּע אין שטאָט, וואָס אויף איר זאָל ער זיך קאָנען אָנשפּאַרן, אָבער ער איז געווען שטאַרק מיט די סימפּאַטיעס פון דער גאַנצער אַרבעטער־באַפעלקערונג, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעוויזן ביי די שטרייקן קעגן די דייטשן און איבערהויפּט דערמיט, וואָס ניט ווייט פון ווילנע איז געשטאַנען אַ באָלשעוויסטישע אַרמיי, וועלכע האָט זיך מיט יעדן טאָג אַלץ נעענטער צוגערוקט צו דער שטאָט. אויף ווי ווייט עס האָט געגרייכט די פאַקטישע מאַכט פון דעם אַרבעטער־ראַט קען מען אַרויסזען דערפון, אַז ווען דער טאַריבישער מיניסטער ראַכמילעוויטש האָט געוואָלט אַרויספירן סחורה פון שטאָט, האָט ער געמוזט אויספועלן ביי דעם אַרבעטער־ראַט אַן ערלויבעניש דערויף. דאָס זעלבע איז געווען אויך מיט דער פּרעסע־פרייהייט, וואָס דער אַרבעטער־ראַט האָט פּראָקלאַמירט און די דייטשן האָבן געמוזט תּיכּף אָפיציעל דורכפירן און באַשטעטיקן.

די ליטווישע כּלל־טוער האָבן זיך געפילט צו שוואַך צו דערוועגן זיך שאַרף און קלאָר אַרויסטרעטן קעגן דעם אַרבעטער־ראַט, מאַנכע אָפיציעלע פאָרשטייער פון די ליטווינער האָבן אַפילו געפונען פאַר נייטיק אַרויסצוזאָגן אויפן אַדרעס פון ראַט פאַרשיידענע קאָמפּלימענטן.

ניט אַזוי איז געווען די באַציאונג פון דער פּוילישער גרופּע, וועלכע האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז דער אַרבעטער־ראַט איז די איינציקע אָרגאַניזירטע קראַפט, מיט וועלכער זיי וועט אויסקומען צו קעמפן. די פּוילישע בירגערלעכע גרופּן און זייער פּרעסע האָבן ניט געקאַרגט קיין בילבולים און זידלערייען אויף אים און גערופן צום קאַמף קעגן דעם יידישן „סאָוועט“ מיט אַלע זיינע אינסטיטוציעס. עס האָט טאַקע לאַנג ניט געדויערט און דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן.

צוזאַמען מיט די דייטשן האָט פאַרלאָזן ווילנע אויך די ליטווישע רעגירונג, וועלכע האָט זיך עוואַקואירט קיין קאָוונע אין ווילנע זיינען געבליבן נאָר דריי מיניסטאָרן, וועלכע האָב

געדאַרפט כּלומרשט פּראָטעסטירן קעגן יענע ניט=ליטווישע גרופּן, וועלכע ווילן פאַרכאַפּן די מאַכט אין נאָמען פון דער ליטווישער רעגירונג.

לאַנג וואַרטן, אַז די ליטווישע פאָרשטייער זאָל אויסקומען די דאָזיקע אויפגאַבע צו פאַרווירקלעכן האָט מען ניט באַדאַרפט. תּיכּף ווי די דייטשן זיינען אַרויס, האָבן זיך אין שטאָט באַוויזן פּוילישע לעגיאָנערן און דער פּוילישער גענעראַל מאָקזשעצקי האָט ערקלערט, אַז ער נעמט איבער די מאַכט.

קיינער האָט ניט געוואוסט, פון וואַנען זיינען עס אַזוי פּלוצלונג אויסגעוואַקסן לעגיאָנערן. ווילנע איז דאַן געווען פולשטענדיק איזאָלירט פון דער גאַנצער וועלט. דאָס האָט געשאַפן אַ באָדן פאַר די פאַרשיידענע קלאַנגען: אָט=אָט קומט די „אַנטאַנטע” קיין ווילנע, כּדי ניט צו דערלאָזן אַהין די באָלשעוויקעס; אָט שיקט די אַנטאַנטע פּויליש מיליטער קעגן די באָלשעוויקעס א. אַז. וו. ביי אַזאַ לאַגע האָט מען געקאָנט טאַקע גלויבן, אַז די לעגיאָנערן, וואָס האָבן זיך געוויזן אין שטאָט, זיינען עס געקומען פון וואַרשע, הגם עס האָט זיך שווער געלייגט אויפן שכל, אַז די דייטשן, וואָס זיינען נאָך געווען אין ביאַליסטאָק און גראָדנע, זאָלן דורכלאָזן אַ פּוילישע אַרמיי.

אויף וויפיל מ׳האָט אין ווילנע ניט געהאַט קיין אמתע פאָרשטעלונג וועגן דער לאַגע, קען מען זען דערפון, וואָס די צייטונגען האָבן ערנסט דיסקוסירט די פראַגע, ווער וועט גיכער אַריין אין שטאָט: די באָלשעוויקעם, וועלכע זיינען פאַקטיש געווען עטלעכע מייל פון שטאָט, אָדער די אַנטאַנטישע חיילות, וועגן וועלכע מ׳האָט נאָר געקאָנט חלומען.

אין דער אמתן אָבער זיינען די פּוילישע לעגיאָנערן געקומען ניט פון וואַרשע און ניט פון פּוילן, נאָר דאָס זיינען געווען די „פּעאָוויאַקעס”, וועלכע האָבן זיך תּיכּף, ווי די דייטשן זיינען אַרויס, אַוועקגעשטעלט אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ פּוילישן גענעראַל און פּראָקלאַמירט אין ווילנע די פּוילישע מאַכט.

די איבערגעבליבענע ליטווישע מיניסטאָרן האָבן קעגן דעם פּראָטעסטירט, ווער אָבער האָט זיך גערעכנט מיט פּאַפּירענע פּראָטעסטן: די פּוילישע ממשלה האָט געדויערט זייער אַ קורצע צייט, אָבער די באַפעלקערונג, איבערהויפּט די יידישע, האָט זיך ניט זייער גוט געפילט אונטער איר ממשלה, ווייל הגם דער פּוילישער קאָמענדאַנט האָט צוגעזאָגט אין זיינע באַפעלן צו זיין גוט און פרום און ניט פירן קיין שום פיינדלעכע פּאָליטיק קעגן דער יידישער באַפעלקערונג, האָבן זיך די יונגע לעגיאָנערן, וואָס זיינען אָקאָרשט אַראָפּ פון דער שול=באַנק, ניט געקאָנט איינהאַלטן ניט אַרויסצווייזן זייערע „געפילן” צו די יידן.

די געציילטע טעג פון מאָקזשעצקיס ממשלה האָט אין ווילנע געהערשט אַן אמתע פּאָגראָם=שטימונג און די יידישע באַפעלקערונג, אפילו די בירגערלעכע, וואָס האָט געציטערט פאַר די באָלשעוויקעס, האָט זיך געפילט אויסערגעוויינלעך שלעכט. כּלערליי נגישות זיינען אָפּגעטאָן געוואָרן, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס מאָקזשעצקי האָט צוגעזאָגט פולקומע פרייהייט פון פּרעסע און פאַרזאַמלונגען, אפילו פאַר די ראַדיקאַלסטע ריכטונגען.

אַ באַזונדערס שווערן איינדרוק האָט געמאַכט אויף דער גאַנצער ווילנער באַפעלקערונג די שלאַכט, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן די פּוילישע לעגיאָנערן מיט די מיטגלידער פון אַרבעטערראַט.

די לעגיאָנערן האָבן אַרומגערינגלט דעם בנין פון „אייזנבאַן=קרייזל” וואו עס האָט זיך געפונען דער אַרבעטער=ראַט און האָבן אָנגעהויבן אים צו באַשיסן, פאָדערנדיק, אַז אַלע וואָס געפינען זיך דאָרט, זאָלן זיך אונטערגעבן. אין דעם מאָמענט זיינען אין בנין געווען אַרום 80 מאַן מיליציאָנערן, אַרבעטער=דעפּוטאַטן און סתּם אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך געפּרובט אַנטקעגנשטעלן און ענטפערן מיט אַ שיסעריי אויף דעם אָנפאַל פון די לעגיאָנערן. ווען עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די לעגיאָנערן האָבן מער קרעפטן און מער געווער און אויך קוילנוואַרפער, האָבן די באַלעגערטע נאָך אַ גאַנצן טאָג קאַמף זיך אונטערגעגעבן, אַחוץ די פינף מיטגלידער פון „איספּאָלקאָם”, וועלכע האָבן זיך אַנטזאַגט אונטערצוגעבן זיך און נאָכדעם ווי זיי האָבן אויסגעשאָסן אַלע זייערע קוילן, זיינען זיי אַראָפּ אין קעלער און האָבן זיך דערשאָסן, און ווען די לעגיאָנערן זיינען אַריין אין בנין האָבן זיי געפונען נאָר זייערע טויטע קערפּערס.

דערווייל אָבער איז דאָס באָלשעוויסטישע מיליטער צוגעגאַנגען צו ווילנע. די לעגיאָנערן האָבן כּמעט ניט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד, אַזוי קליין איז געווען זייער מאַכט. אין גרויס אַיילעניש זיינען זיי זיך צעלאָפן איינציקווייז אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך די אָדלערס, כּדי אויף יעדן פאַל צו פאַרהייבן די אויסערלעכע שפּורן פון זייער טעטיקייט. אַ זייגער 6 אינאָוונט דעם 5-טן יאַנואַר 1919 האָט זיך שוין אין שטאָט ניט געזען קיין איין לעגיאָנער. די באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך געלייגט שלאָפן אונטער דער פּוילישער ממשלה, איז אויפגעשטאַנען אונטער אַ נייער מאַכט, פאַר וועלכער מ׳האָט זיך אַזוי פיל געשראָקן.

אין שטאָט האָבן זיך געוויזן די רויטע אַרמייער אין די גרויע רוסישע סאָלדאַטן=שינעלן, וועלכע מ׳האָט שוין אין ווילנע אַזאַ לאַנגע צייט ניט געזען, אויף די גאַסן זיינען ערשינען נייע באַפעלן און באַקאַנטמאַכונגען פון דער נייער מאַכט, געדרוקטע ניט נאָר אין די אָרטיקע שפּראַכן, נאָר אויך אין רוסיש, וואָס איז פאַר דער גאַנצער צייט פון דער אָקופּאַציע געווען שטרענג פאַרבאָטן.

די דאָזיקע באַפעלן זיינען געווען די ערשטע פעדימלעך, וואָס האָבן ווידער פאַרבונדן ווילנע מיט דער גאַנצער רוסישער מלוכה.

אין שטאָט איז נאָך די עטלעכע טעג טויט=שרעק און פּאָגראָם=שטימונג געוואָרן לעבעדיק און פריילעך.

אָט, למשל, ווי אַזוי אַן אָרטיקע צייטונג, וועלכע איז געווען געשטימט קעגן די באָלשעוויקעס, האָט געשילדערט די שטימונג פון שטאָט אין יענעם טאָג:

„עטלעכע טעג הערשאַפט פון די פּוילישע לעגיאָנערן איז געווען גענוג צו פאַרוואַנדלען דעם אַריינמאַרש פון דער רויטער אַרמיי אין אַן אַלגעמיינעם יום=טוב.

„אַלע גאַסן און געסלעך זיינען באַלעבט געוואָרן ווי אין אַ טאָג פון יום=טוב.

„ווילנע איז אויסגעלייזט געוואָרן פון דער לעגיאָנערישער אָקופּאַציע, די שטימונג פון היינטיקן טאָג האָט קלאָר געמאַכט, אַז דער רוב מנין און רוב בנין פון דער ווילנער באַפעלקערונג איז דער ערנסטסטער שונא פון דער פּוילישער רעאַקציע”.

עס האָט זיך געפרייט ניט נאָר דער ווילנער אַרבעטער, נאָר אפילו די בירגערלעכע געזעלשאַפט האָט זיך אויך געפילט ניט שלעכט, בפרט ווען די רויטע אַרמייצעס מיט זייערע קאָמאַנדירן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איבער די קראָמען אויסגעבן זייער געלט און איינקויפן פאַרשיידענע סחורות און זאַכן, וואָס אין רוסלאַנד איז שוין לאַנג געווען אוממעגלעך פריי צו באַקומען.

דער פדיון אין אַלע קראָמען איז געווען גרויס און צוזאַמען דערמיט איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט דער יקרות. דער עולם, וואָס האָט מורא געהאַט פאַר הונגער, האָט אָנגעהויבן איינצוקויפן כּלערליי עסנוואַרג אין אַ אויסערגעוויינלעכן סכום און דערמיט נאָך מער פאַרגרעסערט דעם יקרות.

די אַלע אומאָנגענעמלעכקייטן פון דער נייער מאַכט זיינען נאָך ניט געווען אַזוי בולט און שפּירעוודיק. דערווייל האָט זיך די באַפעלקערונג געפילט נאָך יום=טובדיק און די דאָזיקע שטימונג

האָט זיך באַזונדערס אַרויסגעוויזן אויף דער פייערלעכער לוויה, וואָס מ׳האָט איינגעאָרדנט לכבוד די געפאַלענע מיטגלידער פון „איספּאָלקאָם“ וועלכע האָבן זיך דערשאָסן אין „אײַזנבאַן-קרייזל“, כּדי ניט אַרײַנצופאַלן צו די לעגיאָנערן.

צו דער לוויה זײַנען געקומען טויזנטער מענטשן פון אַלע נאַציאָנאַלע גרופּעס, און אַזאַ גראַנדיעזע פּראָצעסיע האָט שוין ווילנע לאַנג-לאַנג ניט געזען. אין די ערשטע האָניק-טעג פון דער נײַער מאַכט זײַנען די סימפּאַטיעס געווען זייער גרויס, און ווען די פאָרשטייער אירע וואָלטן פאַרשטאַנען, ווי אַזוי אויסצונוצן ווי געהעריק די דאָזיקע סימפּאַטיעס, וואָלט די ראַטנמאַכט געוואָרן פאַקטיש אַ גרויסע קראַפט אין ליטע, אָבער שוין פון די ערשטע טעג האָט זיך אַרויסגעוויזן די אומפעאיקייט פון די נײַע מאַכטהאָבער אַריבערצוציען אויף איר צד דעם רוב מנין ורוב בנין פון דער באַפעלקערונג.

---

.III

באַלד ווי די רויטע אַרמיי איז אַרײַן קיין ווילנע, זײַנען, פאַרשטייט זיך, תּכף באַפרייט געוואָרן אַלע פּערזאָנען, וועלכע זײַנען אַרעסטירט געוואָרן אין משך פון דער קורצער פּוילישער ממשלה. די אַלע באַפרייטע האָבן זיך געהאַלטן פאַר קרבנות און פאַר גרויסע יחסנים. פון זיי האָבן זיך אין אַ געוויסער מאָס רעקרוטירט די פאַרשיידענע באַאַמטע פון דער נײַער מאַכט, און די צאָל פון די דאָזיקע באַאַמטע איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט.

די אַלגעמיינע שיטה פון דער באָלשעוויסטישער מאַכט אָנצוטרויען די פּאָסטנס נאָר פאַרטיי-קאָמוניסטן האָט, פאַרשטייט זיך, געגאָלטן אויך אין ווילנע, און עס איז דעריבער ניט צו באַוואונדערן, וואָס די ערשטע באַאַמטע, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין שטאָט, זײַנען געווען פאַרשיידענע יונגעלייטלעך, אפשר זייער גוטע און געטרייע פאַרטיי-מיטגלידער, וועלכע האָבן אָבער ניט פאַרמאָגט ניט דעם נייטיקן טאַקט און ניט די נייטיקע ידיעות, וואָס האָבן זיך געפאָדערט פון די באַאַמטע אין אַזאַ נאַציאָנאַליטעטן-שטאָט און אין אַזאַ אָנגעשטרענגטער צייט.

די ווילנער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך אין משך פון דער דײַטשער אָקופּאַציע צוגעוווינט צו שטרענגע אָרדענונגען און סיסטעמאַטיש-דורכגעפירטע באַפעלן, האָט תּיכּף דערפילט דעם שינוי, ווען אָנשטאָט מענטשן, וועלכע האָבן געוואוסט, וואָס זיי ווילן און האָבן פאַרשטאַנען רעגלמעסיק ווי אַזוי זייערע וואונטשן דורכצופירן אין לעבן, זײַנען געקומען מענטשן, וועלכע האָבן פון דעם אַלעם קיין אַנונג ניט געהאַט.

דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן שוין אין די ערשטע מאָמענטן פון דער נײַער ממשלה: דער יקרות איז געשטיגן פון מינוט צו מינוט און בײַ אַזאַ לאַגע האָט די נײַע מאַכט ניט געפונען קיין אַנדער סגולה צו דער צרה, ווי אַרויסצוגעבן אַ שטרענגן פאַרבאָט ניט נאָר קעגן אַרויסצופירן, נאָר אַפילו אַרײַנצופירן פאַרשיידענע סחורות און פּראָדוקטן אין שטאָט.

דער ווילנער עולם האָט זייער ערנסט גענומען דעם דאָזיקן משונהדיקן פאַרבאָט און אַ סך מענטשן פלעגן שעהנווייז אָפּשטיין און בעטן זיך רחמים בײַ דעם פאַרוואַלטער פון דער שײַנען-אָפּטיילונג, ער זאָל כאָטש ערלויבן אַרײַנצופירן פון די פאָרשטעט שפּייז פאַר די פערד און בהמות, וועלכע גייען אויס פון הונגער, אָבער דער פאַרוואַלטער איז געבליבן פעסט בײַ זײַן דעה און פלעגט אַפילו אַזעלכע ערלויבענישן בשום אופן ניט אַרויסגעבן.

דאָס זעלבע איז אויך פאָרגעקומען מיט רייזע-שײַנען. די ווילנער באַפעלקערונג האָט זיך געוווּנט אָנגעליטן פון די פאַרשיידענע „שפּערעס“ און רייזע-שײַנען, וואָט די דײַטשן האָבן איינגעפירט. אין דער לעצטער צייט פון דער דײַטשער ממשלה, איז די גזרה פון שײַנען אַ ביסל לייכטער געוואָרן און מען האָט געקאָנט



האָפן, אַז די נײַע מאַכט, וואָס האָט פּראָקלאַמירט, אַז זי וועט באַפרייען די באַפעלקערונג פון אַלע אָקופּאַציע-צרות, וועט אויך מבטל מאַכן די מניעות פון פרײַער באַוועגונג, אָבער, ווי מיט אַ בײַזער כּוונה איז די דײַטשע גזרה נאָך אַ סך מער פאַרשאַרפט געוואָרן און דער שטרענגער פאַרוואַלטער פון דער אָפּטיילונג האָט זיך לחלוטין אַנטזאַגט אַרויסצוגעבן פּריוואַטע פּערזאָנען רייזע-שײַנען.

די באַפעלקערונג האָט געמוזט זוכן אַנדערע מיטלען און דער בעסטער און באַקוועמסטער פון זיי איז געווען — אַ רעגירונגס-שטעלע. בײַם האָטעל „זשאָרזש“, וואו עס האָט זיך דעמאָלט געפונען די נײַע רעגירונג, פלעגן שטיין מחנות מענטשן שעהנלאַנג אין ריי, כּדי צו דערלאַנגען פּערזענלעך אַ בקשה וועגן אַ רעגירונגס-שטעלע. עפּעס ווי גאַנץ ווילנע פון קליין ביז גרויס האָט געוואָלט ווערן באַאַמטע בײַ די באָלשעוויקעס.

די רעגירונג האָט זיך טאַקע באַלד אַרומגעזען, אַז זי וועט זיך בשום אופן ניט קאָנען פונאַנדערקלײַבן אין דעם מבול פון בקשות און האָט באַשלאָסן אָנצונעמען באַאַמטע נאָר דורך די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אָבער דערווײַל האָבן זיך שוין די גרעסערע בריות און עזותניקעס אַרײַנגעכאַפּט אין פאַרשיידענע אַנשטאַלטן; ווען מען האָט זיך אַרומגעזען, אַז די גרעסטע יחסנים זײַנען קאָמוניסטן, האָבן די זעלבע ספּעקולאַנטן, וועלכע האָבן זיך פֿײַער צוגעפּאַסט צו די דײַטשע פאָדערונגען, זיך אַלאָז געטאָן אין די רייען פון קאָמוניזם, אַזוי אַז די פאַרטיי-פירער האָבן געמוזט אָנהייבן זוכן מיטלען, ווי אַזוי צו קעמפן מיט דעם אומגעהייערן צופלוס פון נײַע פאַרטיי-חברים און מיט אַזעלכע אומגעריכטע סימפּאַטיעס, וואָס די קאָמוניסטישע אידעאָלאָגיע האָט מיט אַמאָל באַגעגנט אין די ברייטסטע ספּעקולאַנטן-קרייזן.

אין דעם קאַמף מיט דעם דאָזיקן ספּעקולאַנטן-מבול האָבן אַ סך געקאָנט העלפן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אָבער אָנשטאָט צו באַנוצן זיך מיט די דאָזיקע פאַראיינען, וועלכע האָבן געפירט אַ לאַנגיעריקן קאַמף פאַר די פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן פון די ווילנער אַרבעטער און זײַנען געווען גוט באַקאַנט מיט די אָרטיקע באַדינגונגען, האָט די נײַע מאַכט אָנגעהויבן צו פירן אַ קאַמף מיט די פּראָפ. פאַראיינען גופא און שטרעבן איבערבויען זיי אַלעמען אָן שום שהיות לויט דעם לעצטן וואָרט פון דער רוסישער פּראַקטיק, לויט דעם פּרינציפּ פון פּראָדוציר-פאַראיינען.

עס איז שווער צו זאָגן, וואָס האָט געצוואונגען די נײַע מאַכטהאָבער אָנצוהייבן תּיכּף דעם קאַמף מיט די פּראָפ. פאַראיינען. מעגלעך, אַז די סיבה פון דעם דאָזיקן אימפּעט איז געווען דער פאַקט, וואָס אין רוב פּראָפ. פאַראיינען האָבן געהאַט די שליטה די פאָרשטייער פון יענע פּראָלעטאַרישע פאַרטייען, וואָס זײַנען געווען קעגנער פון קאָמוניזם. און אפשר האָט זיך דער קאַמף אָנגעהויבן תּיכּף, ווייל די געקומענע מאַכט האָט זיך בכלל ניט געוואָלט צופּאַסן צו די אָרטיקע באַדינגונגען און האָט מיט אַן אומפאַרשטענדלעכער עקשנות געוואָלט אומעטום דורכפירן דעם אַלרוסישן שאַבלאָן, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס די אַרבעטער-באַוועגונג פון רוסלאַנד האָט זיך דאָרט די גאַנצע צייט אַנטוויקלט אין לחלוטין אַנדערע באַדינגונגען ווי אין ווילנע.

אַזוי צי אַזוי — אַבי מ׳האָט מיט אַלע מעגלעכקייטן געזען צו צעברעכן די פּראָפ. פאַראיינען און בויען נײַע פּראָדוציר-פאַראיינען. בראש פון די נײַע פאַראיינען זײַנען גאַנץ אָפט אַוועקגעשטעלט געוואָרן נײַע מענטשן, וועלכע האָבן אַ גאַנץ קליינע שייכות געהאַט צו דער פּראָפ. אַרבעטער-באַוועגונג.

די נײַע מאַכטהאָבער האָבן אויסגענוצט די גאַנצע רעגירונגס-מאַשין, וואָס איז געווען בײַ זיי אין די הענט צום קאַמף ניט נאָר מיט די פּראָפ. פאַראיינען, נאָר אויך מיט אַלע איבעריקע פּראָלעטאַרישע פאַרטייען און אין דעם דאָזיקן קאַמף האָבן זיי

זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר אַזעלכע מיטלען, וועלכע האָבן דיסקרעדיטירט אין אַ געוויסער מאָס אפילו די אידעע פון ראַטנמאַכט.

דער דאָזיקער קאַמף האָט זיך באַזונדערס בולט אַרויסגעוויזן אין דער פראַגע וועגן דעם ווילנער אַרבעטער=ראַט. דער ערשטער אַרבעטער=ראַט איז אויסגעוויילט געוואָרן נאָך פאַר די דייטשן און זיין קאַמף מיט די דייטשע אָקופּאַנטן האָט אים געשאַפן זייער פיל סימפּאַטיעס. אויף וויפיל ביי די יידישע אַרבעטער איז געווען שטאַרק די שטימונג פאַר די לאָזונגען פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, ווייזט דער פאַקט, אַז תיכף נאָך דער ערשטער זיצונג פון דער אָקאָרשט אויסגעוויילטער דעמאָקראַטישער יידישער קהילה, זיינען אַלע פּראָלעטאַריישע פּאַרטייען, אונטערן דרוק פון די אַרבעטער, אַרויסגעטראָטן פון דעם אָרגאַן, וועלכער איז באַשאַפן געוואָרן מיט אַזוי פיל מי און מסירת=נפש פון די אַרבעטער גופא און נאָר דערפאַר, וואָס די קהילה, אַלס דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע מיט פאָרשטייער פון אַלע פאָלקס=שיכטן, איז געווען אין סתירה מיט די פּרינציפּן פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

ביי אַזאַ שטימונג האָט מען, דוכט זיך, ניט געדאַרפט אָננעמען באַזונדערס שאַרפע מיטלען, כדי צוצוציען די ווילנער אַרבעטער=מאַסן צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אָבער די נייע מאַכטהאָבער האָבן ניט געקאָנט ליידן, אַז עס זאָלן עקסיסטירן וועלכע עס איז אַרבעטער=פּאַרטייען, חוץ דער קאָמוניסטישער און גענומען זיך צום קאַמף. איינפירן תיכף די זעלבע געוואַלד=טאַקטיק בנוגע די אַלע ניט קאָמוניסטישע פּאַרטייען, ווי אין גאַנץ רוסלאַנד, האָט ניט געפּאַסט און חוצדעם איז מאָסקווע, מיט וועלכער, ניט קוקנדיק אויף אַלע מלוכה=זעלבשטענדיקייטן, מען האָט זיך געמוזט רעכענען, געווען פולקום קעגן אַזאַ געוואַלד=טאַקטיק, אָבער אינגאַנצן זיך אַנטזאַגן פון געוואַלד=מיטלען אין קאַמף מיט די קעגנער האָט מען אויך ניט געקאָנט און דעריבער האָט מען גענומען אויסנוצן אַנדערע קאַמפּס=מיטלען.

אין דעם ערשטן ווילנער אַרבעטער=ראַט זיינען די קאָמוניסטן ניט געווען אין דער מערהייט. זיי זיינען נאָר געווען די גרעסטע פּאַרטיי און עס איז ניט צו באַוואונדערן, וואָס די קאָמוניסטן האָבן באַלד געוואָרפן אַן אומחן אויף דעם ראַט און נאָך אין דווינסק, באַלד ווי עס האָבן זיך באַקומען די ערשטע ידיעות וועגן די רעזולטאַטן פון די וואַלן אין אַרבעטער=ראַט, האָט מיצקעוויטש=קאַפּסוקאַס ערקלערט, אַז דער ראַט וועט מוזן פונאַנדערגעלאָזן ווערן. ביי דעם זעלבן באַשלוס זיינען די רעגירונגס=לייט געבליבן ניט קוקנדיק דערויף, וואָס די קרבנות, וועלכע זיינען געפאַלן אין קאַמף פאַר דעם אַרבעטער=ראַט, האָבן געקענט שאַפן אַ וועלכע עס איז פּיעטעט אַרום דעם ראַט.

אָבער צום גרויס וואונדער פון דער גאַנצער ווילנער באַפעלקערונג איז דער אַרבעטער=ראַט, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע ביי די דייטשן, לחלוטין פאַרגעסן געוואָרן באַלד ווי די באָלשעוויקעס האָבן באַקומען די מאַכט. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען האָט מען ניט צונויפגערופן און מיט יענער אינסטיטוציע, וועלכע האָט אָפיציעל געהאַט די גאַנצע מאַכט, האָט זיך קיינער ניט גערעכנט.

מען האָט באַשלאָסן דורכפירן נייע וואַלן און דערווייל האָט דער באַשטימטער און ניט אויסגעוויילטער „רעווקאָם”, זיך גענומען אָרגאַניזירן אַלערליי קאָמיסאַריאַטן, באַשטימען קאָמיסאַרן און אַריינזעצן אין אַלערליי אינסטיטוציעס אייגענע מענטשן, כדי צו דער צייט ווען עס וועט אויסגעוויילט ווערן אַ נייער ראַט, זאָל ער שוין געפינען אַ פאַרטיקן רעגירונגס=אַפּאַראַט.

און ווען עס איז געקומען די צייט, ווען מען האָט געמוזט צונויפרופן דעם אַרבעטער=ראַט, האָט מען געשאַפן אַזעלכע וואַל=אינסטרוקציעס און וואַל=געזעצן, וועלכע האָבן פאַקטיש אַוועקגערויבט ביי אַ גרויסן טייל פון די ווילנער אַרבעטער זייער וואַל=





רעכט. ווילנע איז קיינמאָל ניט רייך געווען מיט גרויסע פאַבריקן מיט הונדערטער אָדער טויזנטער אַרבעטער, בפרט נאָך דער אָקופּאַציע, ווען אַפילו די געציילטע גרעסערע פאַבריקן זיינען אויך פאַרמאַכט און רואינירט געוואָרן. און דאָך, אָדער אפשר טאַקע דערפאַר, האָט מען אַרויסגעגעבן וואַל=אינסטרוקציעס, אַז אַלע אַרבעטער, וואָס זיינען באַשעפטיקט אין אַ פאַבריק, וואו עס אַרבעטן ווייניקער פון 10 פערזאָן, ד. ה. אין גרעסטן טייל פון ווילנער פאַבריקן און אויך אַלע איינצלנע אַרבעטער אָדער אַרבעטסלאָזע דאַרפן זיך אין משך פון 5 טעג ווענדן אין די ביוראָען פאַר ברויט=קאַרטן, וואו זיי וועלן פאַררעגיסטרירט ווערן און וואו זיי וועלן באַקומען וואַל=קאַרטן. אָבער אַזעלכע וואַל=קאַרטן קאָנען די אַרבעטער באַקומען, נאָר ווען זיי וועלן צושטעלן לעגיטימאַציעס פון זייער פּראָדוציר=פאַראיין, אָדער פון אַ באַשטימטן פּראָפ. פאַראיין, וואָס איז אָנגעשלאָסן צום צענטראַל=ביוראָ פון די פּראָפ. פאַראיינען.

שוין ניט ריידנדיק דערפון, וואָס אַזאַ וואַל=אינסטרוקציע איז פולקום סותר די ראַטן=קאָנסטיטוציע, איז זי בנוגע צו די ווילנער פאַרהעלטענישן געווען אַ הימל=שרייענדיקע עוולה, ווייל פאַקטיש האָט אַזאַ אינסטרוקציע גערויבט דאָס וואַל=רעכט ביי דעם גרעסטן טייל פון די ווילנער אַרבעטער, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין שום שייכות צו די פּראָדוציר=פאַראיינען און זיינען ניט געווען אַזוי באַוואוסטזיניק, אַז זיי זאָלן זיין גרייט צו מקריב זיין אַזוי פיל צייט, כדי צו באַקומען אַלערליי לעגיטימאַציעס אין די פאַרשיידענע ביוראָען, וואו עס האָט געהערשט אַ שרעקלעכע אומאָרדענונג און וואו הונדערטער מענטשן פלעגן טאָג=טעגלעך אָפּשטיין שעהן לאַנג אין דער ריי, כדי צו באַקומען די מינדסטע אינפאָרמאַציע אָדער ענטפער אויף דער אָדער יענער פראַגע.

ביים אָנקומען אויף רעגירונגס=שטעלעס האָט מען געפאָדערט קאָמוניסטישע רעקאָמענדאַציעס און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז פיל מענטשן האָבן זיך פאַרשריבן אַלס קאָמוניסטן אָדער לכל=הפחות אַלס מיטפילנדיקע. אָנשטענדיקע און ערלעכע מענטשן האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט זיך אַזוי גיך „איבערקערן” און זיינען געבליבן דעריבער אָן אַ זייט, בשעת ווען אַלע שווינדלער, ספּעקולאַנטן אָדער באַוואוסטזיניקע קאָנטר=רעוואָלוציאָנערן, סאַבאָטאַזשניקעס האָבן זיך גאַנץ גיך אָן שום טענות ומענות פאַרשריבן אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און באַקומען די בעסטע און פאַראַנטוואָרטלעכסטע רעגירונגס=שטעלעס. דאָס האָט געמוזט מאַכן אַ באַזונדער שלעכטן איינדרוק אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג, וועלכע האָט זיך גלייך אַרומגעזען, אַז צווישן אַ צאַרישן „טשינאָווניק”, אַ דייטשן באַאַמטן און אַ באָלשעוויסטישן קאָמיסאַר איז אָפט נאָר דער אונטערשייד אין דער וואַליוטע, אין וועלכער מ׳דאַרף זיי צאָלן אָפט אויסקויף=געלט.

בעת די ראַטנרעגירונג איז געקומען קיין ווילנע, האָט זי מיט גרויס פייערלעכקייט ערקלערט, אַז קיין אויסעראָרדנטלעכע קאָמיסיעס („טשרעזוויטשייקעס”) וועט זי דאָ ניט אָרגאַניזירן און וועט אַרויסשיקן אַלע „טשרעזוויטשייניקעס”. דאָס וואָלט טאַקע זיין אַ גרויסע רעפאָרם, צו וועלכער מ׳האָט זיך אין רוסלאַנד בשום אופן ניט געקאָנט דערשלאָגן. אינגיכן אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פאַרשיידענע אויספאָרשונגס=קאָמיסיעס און פּאָליטישע אָפּטיילונגען, וועלכע זיינען געשאַפן געוואָרן מיט די פונקציעס פון די אויסעראָרדנטלעכע קאָמיסיעס, האָבן זיך ניט קיין סך אונטערשיידט פון די „טשרעזשוויטשייקעס” גופא. דערצו האָבן זיך אויך אַהין אַריינגעכאַפּט אַלס באַאַמטע אַ גאַנץ היבשע צאָל פאַרדעכטיקע מענטשן און סתם ספּעקולאַנטן, וועלכע האָבן געוואָלט אויסניצן זייערע הויכע פאָסטנס צו פּריוואַטע צוועקן און אָפּטמאָל אַפילו צו שאַנטאַזש. אמת, מען האָט אינגיכן אָנגעהויבן צו אַרעסטירן אַזעלכע העלדן, אָבער אין שטאָט האָט מען דער=

ציילט געווען אַנעקדאָטן וועגן דעם אָדער יענעם באַאַמטן פון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג, וועלכע האָבן ביי די רעוויזיעס, איבערהויפּט ביי די הויכע פּוילישע פּריצים, צוגענומען פּרעק, סמאָקינגען, און וועלכע די נייע פּריצים האָבן זיך תּיכּף אַליין אָנגעטאָן. עס פאַרשטייט זיך, אַז קיין גרויס כּבוד האָבן אַזעלכע העלדן ניט געקאָנט שאַפן דער אַרבעטער=רעגירונג.

בכלל, האָט זיך געמערקט אַ גוואַלדיקע טאַקטלאָזיק״ייט ביי די נייע מאַכטהאָבער, ווי דאָס האָט זיך באַזונדערס בולט אַרויסגעוויזן אין דער מעשה מוקערמאַן.

מ ו ק ע ר מ אַ ן איז געווען אַ פּוילישער שוואַרצמאַהדיקער גלח, וועלכן די ראַטנמאַכט האָט באַשלאָסן צו אַרעסטירן און אַרויסשיקן פון ווילנע. צי דער דאָזיקער באַשלוס איז בכלל געווען אַ גערעכטער, איז ניט אַזוי וויכטיק, אָבער דער אופן, ווי אַזוי דער אַרעסט איז געמאַכט געוואָרן, איז לכל הדעות געווען אַ העכסט סקאַנדאַליעזער.

מוקערמאַן האָט זיך מיט זיינע אָנהענגער פאַרשפּאַרט אין קלויסטער פון הייליקן קאַזימיר. ווען די מאַכט זאָל געווען פאַרמאָגן אַ ביסל טאַקט, האָט זי געקאָנט עטוואָס אָפּוואַרטן, ביז וואַנען מוקערמאַנס חסידים וועלן אַרויס פון דעם הייליקן „פּאָרט שאַבראַל״, אָבער די ווילנער מאַכטהאָבער זיינען געווען אַזוי אומגעדולדיק, אַז זיי האָבן זיך ערלויבט אַריינצופירן אין קלויסטער סאָלדאַטן און פאַרן קלויסטער האָט מען אויסגעשאָסן אין דער לופטן כּדי צו צעטרייבן דעם עולם.

מען דאַרף האָבן די מינדסטע השגה וועגן די רעליגיעזגעשטימטע פּוילישע מאַסן פון ווילנע, כּדי פאַרצושטעלן זיך, וואָס פאַר׳ אַן איינדרוק אַזעלכע מיטלען האָבן געקאָנט אַרויסרופן.

דאָס ערגסטע איז געווען די טרויעריקע עקאָנאָמישע לאַגע פון דער שטאָט, וואָס איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן אַלץ קריטישער. עקאָנאָמיש איז ווילנע פאַר דער צייט פון דער אָקופּאַציע פולקום רואינירט געוואָרן, און ווען די ראַטנמאַכט איז געקומען אַהערצו, האָבן מאַנכע פאַרשטייער פון דער רעגירונג פאַרשטאַנען, אַז ווען זיי וועלן פּרובן דורכפירן דאָ די עקאָנאָמישע רעפאָרמען לויטן מוסטער פון ראַטנרוסלאַנד, וועט די שטאָט נאָך מער רואינירט ווערן.

אין פּריוואַטע געשפּרעכן האָבן פאַרשטייער פון דער ראַטנרעגירונג געהאַט צוגעזאָגט צוצופּאַסן זיך צו די אָרטיקע עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן און זען אויפהייבן דעם נידעריקן עקאָנאָמישן מצב פון דער באַפעלקערונג.

אָבער די דאָזיקע הבטחות זיינען געגעבן געוואָרן אין די ערשטע טעג, ווען די מאַכט איז נאָך ניט פאַרבלענדט און פאַרשיכּורט געווען; אָבער מיט דער צייט האָט מען פאַרגעסן דעם ווירקלעכן מצב און מען האָט זיך גענומען צו נאַציאָנאַליזירן אַלצדינג, וואָס האָט זיך נאָר געלאָזט נאַציאָנאַליזירן.

אויב אין ווילנע זיינען ניט געווען קיין גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען צום נאַציאָנאַליזירן, האָט מען ביינאַכט פאַרשלאָסן און פאַרחתמעט די געשעפטן פון מאַנופאַקטור, גאַלאַנטעריי און אַנדערע צו רעקוויזירן די סחורות. די מהומה, וואָס די דאָזיקע אומגעריכטע נאַכט=גזרה האָט אַרויסגערופן אין שטאָט, איז געווען אין לשער. און אפילו די אייגנטימער פון די ניט פאַרחתמעטע געשעפטן האָבן ניט געוואוסט, צי האָבן זיי רעכט צו האַלטן זיי אָפן, אָדער זיי דאַרפן וואַרטן, ביז דער גורל וועט פאַלן אויף זיי אויך.

אמת, די רעגירונג האָט געמוזט אָננעמען מיטלען קעגן דער גוואַלדיקער ספּעקולאַציע און קעגן דעם אומגעהייערן יקרות, וואָס איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, אָבער אירע „מיטלען״ האָבן נאָך די לאַגע אַ סך פאַרשאַרפט.

די רעגירונג האָט ניט געקאָנט רואיק צוזען, אַז די רייכע און פאַרמעגלעכע זאָלן זיין זאַט און קויפן שטילערהייט אַלערליי פּראָדוקטן, אין דער צייט, ווען דער אָרימאַן האָט געמוזט ליידן די ביטערסטע נויט, די רעגירונג האָט דעריבער באַפוילן צו מאַכן מאַסן=רעוויזיעס און זוכן שפּייז=זאַפּאַסן אין פּריוואַטע הייזער. אויף אַזאַ שריט האָט זיך אפילו די פּעטערבורגער און מאָסקווער מאַכט ניט דערוועגט.

די ווילנער מאַכט האָט זיך עס אָבער יאָ ערלויבט, און אַזוי ווי פאַר קיינעם איז ניט קלאָר געווען וויפיל פּראָדוקטן איז ערלויבט צו האָבן ביי זיך אין שטוב, זיינען ביי די רעוויזיעס פאָרגעקומען גוואַלד=מעשים אָן אַ שעור, וואָס האָט אַרויסגערופן די שטאַרקסטע פּראָטעסטן און פאַרגרעסערט די אומצופרידנקייט.

צו די אַלע צרות איז נאָך ווילנע געווען אינגאַנצן איזאָלירט אפילו פון איר נאָענטסטער סביבה. פון פּוילן איז ווילנע געווען אָפּגעשניטן דורך די דייטשע חיילות, וואָס זיינען געבליבן שטיין אין מערעטש און וועלכע האָבן קאָנטיק באַשלאָסן פון דאָרט ווייטער ניט אַוועקצוגיין. ביי קאָשעדאַר זיינען געשטאַנען די ליטווינער, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט די דייטשן אָפּגעהיט פון די באָלשעוויקעס דעם קאָוונער קאַנט. אַזוי=אַרום האָט ווילנע ניט געקענט האָבן קיין שום מגע=ומשא מיט די געגנטן, פון וועלכע זי האָט שטענדיק געליפערט אַ גרויסן טייל פון אירע לעבנסמיטלען, און דאָס האָט זיך שווער אָפּגערופן אויף דער דערנערונגס=לאַגע אין שטאָט. איז דאָס נאָך געווען ווייניק, האָט מען געמאַכט נאָך פרייוויליקע גרעניצן, וועלכע האָבן געדאַרפט מאַניפעסטירן די „זעלבשטענדיקייט״ פון קאַנט און וועלכע האָבן פאַקטיש געבראַכט דערצו, אַז צווישן ווילנע און פּעטערבורג, למשל, זיינען געווען אַ גאַנצע ריי מחיצות, פאַרשאַפנדיק איבעריקע צרות די אַלע אומגליקלעכע, וואָס זייער ביטערער מזל האָט זיי געטריבן דערצו צו לאָזן זיך אין אַזעלכע שלעכטע צייטן אין וועג אַריין און איבערקומען די אַלע פּורעניות פון די נסיעות מיט די רעוויזיעס, בדיקות, רעקוויזיציעס און אַנדערע עינויי=הדרך.

דער וועג פון ווילנע קיין גראָדנע דאַרף אין נאָרמאַלע צייטן געדויערן אַ קלייניקייט, אָבער ביי די פאַרהעלטענישן פון יענער צייט, האָט אַזאַ וועג געדויערט עטלעכע טעג, און וועלכע דעם רייזנדן איז אויסגעקומען גאַנץ אָפט איבערלעבן פאַרשיידענע אַוואַנטיורעס.

פון ווילנע בין איך אַרויסגעפאָרן אונטער דעם איינדרוק פון די נצחונות, וואָס די רויטע אַרמיי פון דער סאָציאַליסטישער רעפּובליק „ליטבעל״ (ליטע—ווייסרוסלאַנד) האָט אָפּגעהאַלטן ביי מערעטש. די קאָמוניסטישע צייטונגען האָבן מיט גרויס שמחה געשריבן וועגן די טויערן, וואָס די רויטע אַרמיי האָט געעפנט, כּדי די סאָציאַלע רעוואָלוציע זאָל קאָנען אַריינדרינגען אין דער בירגערלעכער טאַריבע=ליטע, וואָס האָט געזאַמלט אירע כּוחות אין קאָוונע.

וועגן די דאָזיקע נצחונות האָט מען געשריבן אין זייער אַ געהויבענעם גוזמאדיקן טאָן, און מען האָט געקענט מיינען, אַז אין משך פון די עטלעכע טעג, וואָס דער וועג פון ווילנע קיין גראָדנע דאַרף דויערן אויף פערד, וועט שוין גראָדנע אויך פאַרנומען ווערן דורך דער רויטער אַרמיי.

אונטערוועגס האָט מען אָבער קיינע שום סימנים פון מיליטער=באַוועגונגען ניט באַמערקט. מיר זיינען דורכגעפאָרן לייפּוני, זיך דערנעענטערט צו מערעטש און אויף דער דאָזיקער גרויסער שטרעקע האָבן מיר קיין סאָלדאַטן ניט אָנגעזען.

עס איז שוין געוואָרן פינסטער. קיין לעבעדיקער מענטש האָט זיך אויף דעם וועג ניט געוויזן און דער פורמאַן האָט זיך אָנגעהויבן צו בעטן, אַז מיר זאָלן זיך אָפּשטעלן ערגעץ=וואו אין אַ דאָרף, ווייל „ביינאַכט פאָרט מען איצט ניט״.

מיר האָבן זיך אָבער געאיילט, האָבן מיר באַשלאָסן אומבאַדינגט דערפאָרן ביז מערעטש, נאָר אַ מענטש טראַכט און גאָט

לאַכט. ניט ווייט פון מערעטש האָבן מיר אָנגעהויבן צו באַמערקן עפּעס אַ אומרואיקע מיליטער=באַוועגונג. גאַנץ אָפט פלעגן מיר טרעפן איינצלנע רייטער, וועלכע פלעגן לויפן אַהין און צוריק. די רייטער האָבן אונז ניט גערירט און מיר, פאַרשטייט זיך, האָבן זיך נאָך ווייניקער אינטערעסירט מיט זיי. פלוצלונג זיינען ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן עטלעכע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אונז אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן מיט דער גרעסטער שטילקייט אונז אויסצופרעגן, ווער זיינען מיר און וואוהין פאָרן מיר.

מיר האָבן באַפרידיקט די נייגעריקייט פון די רויטע אַרמייער און געגלויבט, אַז מען וועט אונז ערלויבן ווייטער צו פאָרן. אָבער די סאָלדאַטן האָבן זייער שטיל, אָבער קאַטעגאָריש ערקלערט, אַז זיי וועלן דאָס אונז ניט ערלויבן, ווייל דאָ דאַרף פאָרקומען אַ שלאַכט מיט די דייטשן, וועלכע מאַכן אַן אָפּענסיווע קעגן די רויטע.

מיר האָבן געפּרובט ערקלערן, אַז מיר האָבן פאַר קיין שלאַכט קיין מורא ניט און מיר זיינען גרייט צו ריזיקירן און פאָרן ווייטער, אָבער די סאָלדאַטן האָבן ניט נאָר ניט געלאָזט אונז פאָרן ווייטער, נאָר אויך אפילו ניט ערלויבט צו פאַרהאַלטן זיך דאָרט, וואו מיר זיינען געשטאַנען.

מיר האָבן געמוזט זיך אומקערן צוריק און קוים=קוים דערשלעפּט זיך צו אַ יידישן מילנער, וועלכער האָט אונז אַריינגעלאָזט צו זיך אין הייזל איבערצונעכטיקן.

דאָס קליינע שטיבל איז געווען פול געפּאַקט מיט רויטע אַרמייער, באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז די פיס, וועלכע האָבן ניט איינגעשלאָפן, ווייל זיי האָבן געוואַרט יעדע רגע, אַז זיי וועלן מוזן אַרויסגיין צו דער שלאַכט. אין שטיבל איז אויך געווען אַ פעלד=טעלעפאָן, פון וועלכן עס איז ניט אָפּגעטראָטן אַ סאָלראַט, ניט צונעמענדיק אויף אַ רגע דאָס רערל כון אויער.

די שטימונג איז געווען אַ מוראדיק געשפּאַנטע, אָבער ביסלעכווייז האָבן מיר זיך באַרואיקט, און די סאָלדאַטן האָבן אונז דערציילט די געשעענישן פון די לעצטע טעג, אין משך פון וועלכע זיי האָבן פאַרנומען מערעטש און פאַרטריבן פון דאָרט די דייטשן און פון וואַנען זיי האָבן תיכּף געמוזט מאַכן די פּליטה.

די דייטשע סאָלדאַטן זיינען זיך געזעסן גאַנץ רואיק, אָבער ווען אין אַ שיינעם טאָג האָבן זיך אין שטעטל באַוויזן עטלעכע רויטע רייטער, איז אויף די דייטשע סאָלדאַטן אָנגעפאַלן אַזאַ פּחד, אַז זיי האָבן אַלץ געוואָרפן און איינציקווייס צוכּוס צעלאָפן זיך אין אַלע עקן, ניט שטעלנדיק קיין שום ווידערשטאַנד.

די רויטע אַרמיי האָט געפונען אין מערעטש אַ גרויסן שלל, פיל פערד, געווער, אַמוניציע און אפילו קליידער פון איינצלנע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אין גרויס פּאַניק אַלץ איבערגעלאָזט. די באָלשעוויקעס האָבן אָנגעהויבן גאַנץ רואיק אַיינצופירן די נייע סאָציאַלע אָרדענונגען אין מערעטש, מאַכן אַ חשבון פון דעם שלל, וואָס זיי האָבן אין שטעטל פאַרכאַפּט, געשיקט טריאומפירנדיקע ידיעות קיין ווילנע וועגן גרויסע שלאַכטן, וואָס זיינען דאָרט פאָרגעקומען, און האָבן, דער עיקר, גענאָסן פון דעם זול און פון די פּראָדוקטן, וועלכע קיינער האָט נאָך ניט באַוויזן צו באַהאַלטן און באַגראָבן.

אָבער דאָס האָט ניט לאַנג געדויערט. די דייטשן האָבן קאָנטיק ניט געוואָלט אַנטזאַגן זיך פון דעם שטעטל ביים ניעמאַן, וואָס האָט טאַקע געשאַפן זייער גינסטיקע סטראַטעגישע באַדינגונגען פאַר דער רויטער אַרמיי, און אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיך פּלוצלונג אין מערעטש ווידער באַוויזן דייטשע סאָלדאַטן.

אויף די רויטע אַרמייער האָט דער דאָזיקער באַזוך פון די דייטשן געמאַכט ניט קיין קלענערע ווירקונג, ווי פריער די רויטע אויף די דייטשן, און די רויטע זיינען אַנטלאָפן פון מערעטש מיט דער זעלביקער שנעלקייט, ווי מיט עטלעכע טעג צוריק די דייטשן, איבערלאָזנדיק דעם גאַנצן שלל און אַלס צוגאָב נאָך עטלעכע שינעלן און עטלעכע פּאָר שטיוול פון יענע סאָלדאַטן, וועלכע די דייטשן האָבן געטראָפן שלאָפנדיקערהייט אין איינע אונטערוועש.

לויפנדיק האָט איינער געוואָרפן אַ האַנטגראַנאַט, אַ צווייטער האָט אויסגעשאָסן פון אַ ביקס, אָבער קיינער האָט דערפון ניט געליטן און די רויטע זיינען מיט גרויס אימפּעט געלאָפן ביז הוראַר, וואו מיר איז באַשערט געווען צו פאַרברענגען אַ נאַכט מיט די העלדן, וועלכע האָבן מערעטש גענומען און אָפּגעגעבן צוריק.

אָבער אויך די זיגער האָבן מורא געהאַט צו פאַרבלייבן אין מערעטש און האָבן תּיכּף פאַרלאָזן דאָס שטעטל, און אין דער זעלביקער צייט, ווען די רויטע אַרמייער האָבן פון איין זייט שטאָט מיט גרויס שרעק ערוואַרט די דייטשע אָפענסיווע, האָבן די דייטשן פון דער צווייטער זייט מיט ניט קיין קלענערן פּחד ערוואַרט די רויטע און האָבן אויך ניט געהאַט די דרייסטקייט צו פאַרבלייבן אין מערעטש.

דאָס שטעטל איז אַזוי=אַרום געבליבן אָן שום מאַכט און אַזאַ צושטאַנד האָט געדויערט עטלעכע טעג, ביז וואַנען ביידע צדדים האָבן זיך אַרומגעזען, אַז זיי שרעקן זיך פאַר שאָטנס און האָבן באַפעסטיקט זיך אויף זייערע אַלטע פּאָזיציעס: די דייטשן זיינען אַריין אין מערעטש און די רויטע אַרמייער זיינען פאַרבליבן אויף זייער פריערדיקער פּאָזיציע.

אין עטלעכע טעג אַרום זיינען די מערעטשער „שלאַכטן" באַשריבן געוואָרן אין דער גראָדנער דייטשער סאָלדאַטן=צייטונג מיט די זעלביקע גוזמאות, ווי עס האָבן געהאַט געטאָן די ווילנער באָלשעוויסטישע אָפיציאָזן.

די מערעטשער יידישע באַפעלקערונג האָט ניט שטאַרק געבענקט נאָך די ביידע אַרמייען און אין די טעג, ווען די שטאָט איז געווען אָן אַ מאַכט, האָט די באַפעלקערונג גאַנץ רואיק געפירט ווי פריער די געשעפטן און געשונדן די הויט פון אַלע היימלאָזע, וועלכע האָבן געמוזט צוליב דער אָפּגעשטעלטער באַן=באַוועגונג דורכפאָרן דורך מערעטש, וואו זיי האָבן צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן צו פילן דעם טעם פון געלטקורס, וועלכער איז צוליב דער גרויסער דיפערענץ צווישן די רוסישע קערענקעס און די אָסטמאַרקן געווען באַזונדערס ביטער פאַר די היימלאָזע, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט פון רוסלאַנד.

פאַר די היימלאָזע האָבן די „מוראדיקע שלאַכטן" צווישן די דייטשן און די רויטע אַרמייער געשאַפן זייער פיל אומאָנגענעמלעכקייטן, ווייל ביידע צדדים, אויס מורא פאַר דעם קעגנער, האָבן ניט ערלויבט קיינעם צו פאָרן ווייטער פון מערעטש. ווען די שלאַכטן האָבן זיך פאַרענדיקט און די איבערגעשראָקענע קעגנערס האָבן זיך באַרואיקט, זיינען די היימלאָזע אַנטלאָפן פון מערעטש קיין גראָדנע, כּדי וואָס גיכער צו פאַרגעסן וועגן די משונהדיקע מלחמות און וועגן דער גאַסטפריינדלעכקייט פון די מערעטשער ליבנסווירדיקע בעלי=אכסניות.

ביז גראָדנע האָבן מיר שוין דורכגעמאַכט דעם וועג אָן שום געשעענישן, און ווען מיר זיינען ביינאַכט אָנגעקומען אין שטאָט און די ערשטע דייטשע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אונז באַגעגנט, האָבן אונז פריינדלעך געהאָלפן געפינען אַ פּאַסנדיקע אַכסניא, האָבן מיר, וואָס האָבן זיך אין משך פון דער גאַנצער מלחמה אָנגעהערט אין רוסלאַנד גענוג מעשיות וועגן דער דייטשער אַכזריות, ממש געשטוינט.

גראָדנע איז דעמאָלט געווען אין אַ משונהדיקן צושטאַנד

דער יאָך פון די אָקופּאַנטן, וואָס האָט שרעקלעך געדריקט אויף דער באַפעלקערונג, האָט נאָך דער דייטשער רעוואָלוציע פאַרלאָרן זיין גאַנצן אימפּעט. אָפיציעל האָבן די דייטשן איבערגעגעבן די גאַנצע מאַכט איבער דער שטאָט צו דעם שטאָט=קאָמי=

טעט, וועלכער האָט זיך נאָך דער רעוואָלוציע אָרגאַניזירט פון פאָרשטייער פון אַלע נאַציאָנאַלע גרופּעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין שטאָט.

דער דאָזיקער שטאָט=קאָמיטעט איז געוואָרן צוגלייך אי אַ געזעצגעבערישער אי אַן אַדמיניסטראַטיווער אָרגאַן.

ער האָט פאַרעפנטלעכט דעקרעטן, וואָס ער אַליין האָט פאַרפאַסט, בנוגע געריכט, שטאָט=מיליציע, וואַלן אין שטאָטראַט א. א. וו. און אַלע אין אמת דעמאָקראַטישן גייסט. די ריכטער זיינען געווען אויסגעוויילט און צווישן זיי זיינען געווען אפילו פרויען. אין געריכט האָט מען זיך געקאָנט באַנוצן מיט אַלע אָרטיקע שפּראַכן. די גלייכבאַרעכטיקונג פון די שפּראַכן איז געווען דורכגעפירט אויך אין שטאָטראַט, סיי אויף די עפנטלעכע זיצונגען און סיי אין דער אינווייניקסטער קאַנצעלאַרישער אַרבעט.

צווישן די מיליציאָנערן איז געווען אַ היבשע צאָל יידן און דער געהילפשעף פון דער מיליציע איז אויך געווען אַ ייד.

דאָס אַלץ וואָלט זיין זייער גוט, ווען עס וואָלטן ניט געווען אַזוי פיל פּרעטענדענטן אויף דער מאַכט אין גראָדנע.

אָפיציעל איז די גאַנצע מאַכט געלעגן קודם=כל ביי דעם שטאָט=קאָמיטעט און דאַן ביי דעם שטאָטראַט. ער האָט רעגולירט דעם אַריינפיר און אַרויספיר פון די סחורות און באַשטימט די אָפּצאָלן פאַר זיי.

אָבער אַחוץ דער דאָזיקער אָפיציעלער מאַכט איז געווען נאָך אַ דײַטשע פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט געפאָדערט, אַז אַלע שיינען, וואָס דער שטאָטראַט גיט אַרויס, זאָלן קאָנטראַסיגנירט ווערן דורך דער דייטשער מיליטערישער מאַכט, און דער סאָלדאַטנראַט, וואָס האָט אויך פּרעטענדירט אויף מאַכט, האָט פון זיין זייט דאָס זעלביקע רעכט געפאָדערט פאַר זיך.

און אַזוי ווי די דייטשע מאַכטהאָבער, סיי פון דער קאָמאַנדע און סיי פון סאָלדאַטנראַט, זיינען געווען זייער להוט נאָך כאַבאַר, האָט מען ביי יעדן שיין געמוזט שטעקן אין אַלע הענט, וועלכע פלעגן זיך דערצו ציען פון אַלע זייטן.

דאָס וואָלט נאָך ניט געווען אַזוי שלעכט, ווייל וועלכע יידישע שכּנאָט איז ניט געוויינט געוואָרן צו געבן, נאָר די דייטשן פלעגן גאַנץ אָפט ערלויבן אַרויסצופירן פון שטאָט אַזעלכע סחורות, וואָס דער שטאָטראַט האָט פאַרבאָטן, און טאָמער פלעגן אַזעלכע סחורות צפגעשטעלט ווערן דורך די מיליציאָנערן, פלעגן די דייטשע סאָלדאַטן אַרויפלייגן זיי אויף מיליטערישע אַווטאָמאָבילן און אַרויספאָרן אונטער אַ מיליטערישער שמירה אונטערן שטאָט, וואו די שליטה פון די שטאָט=מיליציאָנערן האָט זיך שוין געענדיקט.

דאָס זעלבע איז אויך געווען מיטן געריכט. די געריכטס=אינסטאַנצן, אָרגאַניזירטע פון דעם שטאָט=קאָמיטעט און דעם שטאָט=ראַט, האָבן געמשפּט, אַרויסגעטראָגן פּסק=דינים, אָבער די געריכטס=רעזאָלוציעס האָבן געהאַט אַ ממשות נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל די דייטשע מיליטערישע מאַכט איז געווען גרייט זיי צו אָנערקענען. טאָמער האָט אָבער דער אָדער יענער פּסק=דין ניט נושא חן געווען ביי דער דייטשער מאַכט, האָט ער קיין שום באַדייטונג ניט געהאַט, בפרט אַז די טורמעס זיינען אויך געווען אין רשות פון דער דייטשער מאַכט און אונטער דער השגחה פון די דייטשע סאָלדאַטן.

עס האָט זיך, למשל, געטראָפן אַ פאַל, ווען אַ דייטשער אָפיציר האָט אָן שום רעכט באַליידיקט און געפּאַטשט אַ יידן; אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע וואָלט קיינער זיך ניט דערוועגט אָנצוקלאָגן אַן אָפיציר פאַר אַזאַ מעשה, אָבער איצט, ווען די מאַכט איז כלומרשט אַרויס פון די דייטשע הענט, האָט דער באַליידיקטער ייד צוגעצויגן דעם באַליידיקער צום געריכט, וועלכער האָט פאַרמשפּט דעם אָפיציר. דער סאָלדאַטנראַט האָט פון זיין זייט אויך אַרויסגעטראָגן אַ פּסק=דין קעגן דעם אָפיציר, אָבער



דער קאָמענדאַנט האָט אַרעסטירט... דעם יידן, וועלכער האָט נאָך צו זיינע פעטש געמוזט אָפּזיצן אין טורמע $1^{1}/_{2}$ חדשים.

אויב אַזוינס האָט געקענט פּאַסירן אין שטאָט, איז ניט שווער פאָרצושטעלן זיך, וואָס פאַר אַ הפקרות פלעגט אָפּגעטאָן ווערן מחוץ דער שטאָט, איבערהויפּט אין די דערפער, וואו עס איז בכלל אין יענער צייט געווען לית דין ולית דיין.

אַחוץ דער דייטשער מאַכט איז געווען אין גראָדנע נאָך אַ מאַכט — אַ ווייסרוסישע, אַ איבערבלייבס פון דער געוועזענער ווייסרוסישער רעגירונג, וואָס די דייטשן האָבן געשאַפן אין דער צייט, ווען זיי האָבן אָקופּירט מינסק, לויטן מוסטער פון די איבעריקע „רעגירונגען" וואָס זיי האָבן אַראַנזשירט אין די פאַרנומענע ראַנד=לענדער פון רוסלאַנד.

נאָך דער דייטשער רעוואָלוציע, ווען דאָס דייטשע מיליטער האָט פאַרלאָזן מינסק אין גרויס אַיילעניש, האָט זיך צוזאַמען מיט די אָקופּאַנטן אָפּגעטראָגן אויך די ווייסרוסישע רעגירונג, און זיך געשטעלט אונטערן דייטשן שוץ אין גראָדנע, וועלכע האָט לויט דער דייטשער קאָנצעפּציע געדאַרפט בילדן אַ טייל פון דער ווייסרוסישער רעפּובליק.

די ווייסרוסישע רעגירונג איז באַשטאַנען פון עטלעכע מיניסטעריומס, האָט אפילו געהאַט אַ פּאָלק סאָלדאַטן, וועלכע פלעגן, ווער ווייס פון וועלכע קוועלן, באַקומען גוטע שכירות און גוט געשפּייזט און געקליידט ווערן.

די דאָזיקע שפּיל וואָלט קיינעם ניט געקימערט, ווען פון צייט צו צייט וואָלט די ווייסרוסישע רגירונג פּלוצלונג ניט אַרויסגעשפּרונגען מיט ערקלערונגען, אַז זי אָנערקענט ניט די אָדער יענע געזעצן, וואָס דער שטאָט=קאָמיטעט האָט פאַרעפנטלעכט.

אַזוי איז, למשל, געווען מיט דעם געזעץ וועגן די געריכטס=אינסטאַנצן, קעגן וועלכן די ווייסרוסישע רעגירונג האָט פּראָטעסטירט, ערקלערנדיק דערביי, אַז זי וועט אַליין אָרגאַניזירן געריכטן אין גאַנצן גראָדנער געביט, הגם פאַר קיינעם איז קיין סוד ניט געווען, אַז די גאַנצע ווייסרוסישע מאַכט באַשטייט פון עטלעכע געוועזענע צאַרישע באַאַמטע און עטלעכע אָפּגעשלאָגענע הושענות פון דעם מענשעוויסטיש=ס.=ר.=ישן לאַגער, וועלכע האָבן געמאַכט פּליטה פון באָלשעוויסטישן רוסלאַנד.

די ווייסרוסישע רעגירונג האָט עפּעס ווי געוואָלט ווייזן, אַז זי לעבט און אַרבעט, אַזוי אָבער ווי קיין נייע דעקרעטן און געזעצן האָט זי ניט געקאָנט פאַרפאַסן, פלעגט זי פון צייט צו צייט פאַרשפּרייטן און קלעפּן איבער די ווענט פאַרלעגענע דעקרעטן, וועלכע זיינען נאָך אָנגענומען געוואָרן אין מינסק, און וועלכע פלעגן איצט, אין גראָדנע, ביי פולקום אַנדערע באַדינגונגען, מאַכן אַ משונהדיקן איינדרוק און אַרויסרופן אַלגעמיינע ערשטוינונג.

די ליטווישע רעגירונג פון קאָוונע האָט אויך ניט פאַרגעסן וועגן גראָדנע און פלעגט איר גאַנץ אָפט אַריינשיקן דעקרעטן און באַפעלן, וועלכע האָבן זיך אויך געקלעפּט צו די אָרטיקע באַדינגונגען, ווי אַן אַרבעס צום וואַנט. אַחוצדעם איז בכלל ניט קלאָר געווען פאַר דער גראָדנער באַפעלקערונג די גאַנצע געשיכטע פון דער קאָוונער רעגירונג, ווי זי איז אַנטשטאַנען און פון וועמען זי באַשטייט, און דעריבער פלעגן די קאָוונער באַפעלן מאַכן אַן איינדרוק פון לצנישער אָדער בייזוויליקער מיסטיפיקאַציע.

כדי די צאָל רעגירונגען, וואָס האָבן פּרעטענדירט אויף גראָדנע, זאָל זיין פאַרפול, דאַרף מען אויך דערמאָנען וועגן דער פּוילישער רעגירונג, וועלכע האָט דאָרט געהאַט אַ ספּעציעלן קאָמיסאַר, וואָס פלעגט אויך אַרויסגעבן פאַראָרדענונגען און דערצו רייזע=שיינען קיין פּוילן.

דער פּוילישער קאָמיסאַר איז געווען באַשיידענער פון אַלע איבעריקע רעגירונגס=פאָרשטייער, אפשר דערפאַר, וואָס די פּרעטענזיעס פון פּוילן זיינען געווען אַ סך רעאַלער, ווי ביי אַלע אי־

בעריקע פּרעטענדענטן. די פּוילישע אַרמיי איז שוין געשטאַנען דעמאָלט ביי סאָקאָלקי און די קלאַנגען, אַז זי וועט אינגיכן פאַרנעמען אויך גראָדנע, האָבן ניט אויפגעהערט.

ווען מען זאָל נאָך צוגעבן, אַז ניט ווייט פון גראָדנע, ביי מערעטש, איז געשטאַנען גרייט צו אַ אָפענסיווע דאָס באָלשעוויסטישע מיליטער פון „ליטבעל״, וואָס האָט פּרעטענדירט אויף די זעלבע גרעניצן פון דער ליטוויש=ווייסרוסישער רעפּובליק, ווי די ליטוויש=ווייסרוסישע נאַציאָנאַליסטן, קען מען זיך שוין פאָרשטעלן אין וואָס פאַר אַ משונהדיקן צושטאַנד עס האָט זיך געפונען די גראָדנער באַפעלקערונג, וועלכע האָט ניט געוואוסט, ביי וועלכער רעגירונג וועט זי מאָרגן זיך אויפכאַפּן פון שלאָף און וועמענס באַפעלן וועלן מאָרגן האָבן אַ רעאַלע קראַפט.

ביי אַזעלכע משונהדיקע אומשטענדן האָבן די פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס האָבן געוואוינט אין גראָדנע, געמוזט זיך צופּאַסן צום געמיינזאַמן לעבן און שאַפן אַזעלכע אַדמיניסטראַטיווע אָרגאַנען, וואָס זאָלן אַלעמען באַפרידיקן.

די לעצטע פראַגע איז געוואָרן באַזונדערס אַקטועל ביי די וואַלן צום שטאָטראַט. די יידישע באַפעלקערונג האָט לכתחילה ניט זייער שטאַרק זיך אינטערעסירט מיט די דאָזיקע וואַלן. אַקעגן=זשע, די פּוילישע פּאַרטייען האָבן מאָביליזירט אַלע זייערע כוחות צו דער וואַל=קאָמפּאַניע. אָבער ווען פאַר די יידן איז קלאָר געוואָרן, אַז ביי אַזאַ גלייכגילטיקייט איז מעגלעך, אַז דער פּוילישער מיעוט זאָל באַקומען אַ געוואַלדיקע מערהייט אין שטאָטראַט און וועט זי געוויס אויסנוצן צו פּאָליטישע צוועקן, האָבן זיי זיך מער פאַראינטערעסירט.

אין אייניקע שולן האָבן רעדנער „געזאָגט״ וועגן די וואַלן און תיכף, נאָכן דאַווענען, האָט זיך דער יידישער עולם אַ לאָז געטאָן צו די וואַל=אורנעס און אין משך פון עטלעכע שעה צו גאָרנישט געמאַכט אַלע האָפענונגען פון געוויסע קרייזן אויף אַ פּוילישער מערהייט אין שטאָטראַט.

די וואַלן האָבן קאָנסטאַטירט דעם אַלגעמיין=באַוואוסטן פאַקט, אַז אין גראָדנע זיינען די יידן דער רוב מנין פון דער באַפעלקערונג און די יידישע פּאַרטייען האָבן טאַקע באַקומען אַ מערהייט אין שטאָטראַט אויך.

פון דעם דאָזיקן פאַקט האָט מען אייגנטלעך געדאַרפט ציען די נייטיקע קאָנסעקווענצן און דורכפירן אַ יידישן שטאָט=פּרעזידענט און אַ יידישע מערהייט אין מאַגיסטראַט. אָבער די פּוילישע ראַטמענער האָבן אַרויסגעשטעלט אַ פאָדערונג, אַז זיי זאָלן האָבן דעם רוב דעות אין מאַגיסטראַט און אַז דער שטאָט=פּרעזידענט זאָל אויך זיין אַ פּאָליאַק.

אַרום דער דאָזיקער פראַגע האָט זיך צעפלאַקערט אַ קאַמף, און ווען די פּוילישע ראַטמענער האָבן זיך אַרומגעזען, אַז די יידן וועלן ניט נאָכגעבן, זיינען זיי אויף אַ קאָנפליקט ניט געגאַנגען און האָבן זיך באַנוגנט מיט דעם פּוילישן שטאָט=פּרעזידענט, פון וועלכן פּאָסטן די יידן האָבן זיך אַנטזאַגט.

וועגן די איבעריקע פראַגן האָט מען אויך געפונען אַ פשרה, וואָס האָט צופרידנגעשטעלט ביידע צדדים, און די ערשטע זיצונג פון דעם אויסגעוויילטן שטאָטראַט איז אַריבער בשלום.

די יידישע ראַטמענער האָבן גערעדט יידיש, די פּוילישע — פּויליש, די ווייסרוסישע — רוסיש און די אַלטע ווענט פון דעם גראָדנער מאַגיסטראַט, וואָס האָבן נאָך אין זייער גבול מסתמא קיינמאָל ניט געהערט קיין יידיש וואָרט, זיינען געבליבן גאַנץ און פעסט שטיין אויף זייער אָרט.

עס איז שפּעטער אויך קיין אומגליק ניט געשען, ווען אַלע אָפיציעלע בלאַנקען און דאָקומענטן פלעגן געשריבן ווערן גלייכצייטיק אויף פּויליש און יידיש, אַפילו דער שטעמפּל פון גראָדנער מאַגיסטראַט איז געמאַכט געוואָרן אויף אַזאַ אופן, אַז אַרום



דעם גראָדנער שטאָט=הערב זיינען געווען צוויי אויפשריפטן — אַ פּוילישע און אַ יידישע.

די יידישע שולן, די יידישע צדקה=אינסטיטוציעס האָבן אויך באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג און גראָדנע האָט דעמאָלט באַשיינפערלעך געוויזן, אַז פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן קאָנען גאַנץ רואיק צוזאַמענלעבן און אַכטן איינע די צווייטע, אויב עס איז ניטאָ קיין בייזע כוונה צו צעשטערן עס און פאַרשפּרייטן האַס און קנאה צווישן די נאַציאָנאַלע גרופּעס, וועלכע עס איז באַשערט צו וואוינען צוזאַמען.

---

## V.

דער וועג פון ג ר אָ ד נ ע קיין ביאַליסטאָק איז אַ גאַנץ קורצער און דאַרף דויערן עטלעכע שעה, אָבער ביי די האַלב=מלחמה=באַדינגונגען, אין וועלכע עס האָט זיך געפונען גראָדנע, איז אַזאַ נסיעה געווען אַ גרויסע גבורה, פאַרבונדן מיט סכנות-נפשות.

מיינע פריינד און באַקאַנטע האָבן מיך שטאַרק אָפּגערעדט פון דער דאָזיקער נסיעה, ווייל ביאַליסטאָק איז ערשט פאַרנומען געוואָרן דורך די פּאָליאַקן, און עס איז שוין געוואָרן באַוואוסט, אַז די פּוילישע מאַכט באַציט זיך זייער שלעכט צו די יידישע דורכפאָרער, און קלאַנגען וועגן געשמיסענע, געפּייניקטע און זאָגאַר דערשאָסענע זיינען געווען גענוג פאַרשפּרייט.

קיין באַן=באַוועגונג צווישן גראָדנע און ביאַליסטאָק איז ניט געווען, נאָר צו מיין גליק האָט זיך דעמאָלט אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלער צוג פאַר די פּוילישע היימלאָזע, וואָס די דייטשן פלעגן אָפּשיקן קיין ס אָ ק אָ ל ק י, פון וואַנען עס פלעגט שוין גיין ספּעציעל פאַר די היימלאָזע אַ פּוילישער צוג. מיט אַזאַ צוג בין איך טאַקע אַוועקגעפאָרן. איך בין בשלום דורכגעפאָרן דעם הילצערנעם בריק, וואָס די דייט״ן האָבן אויפגעבויט אָנשטאָט דעם דורך די רוסן אויפגעריסענעם אַייזערנעם בריק, וועלכער ליגט אין ניעמאַן עד=היום אַלס זכר פון דער מלחמה. דער גאַנצער וועג פון גראָדנע איז פול מיט אַזעלכע מלחמה=דענקמעלער, ווייל אין דעם דאָזיקן געגנט האָט זיך געפירט אַ ביטערער קאַמף צווישן די רוסן און די דייטשן און יעדער שריט ערד איז גענוג אָנגעזאַפּט מיט מענטשלעך בלוט. וואו מען פאָרט דורך אַ טייכל, זעט מען אויפגעריסענע אַייזערנע בריקן ליגן ביז איצט אין וואַסער. אויך חורבות, וואָס זיינען נאָך ביז איצט ניט אָפּגעבויט געוואָרן, און קברים פון „אומבאַקאַנטע רוסישע קריגער״ און פון דייטשע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געפונען אַ געמיינזאַמע און אייביקע רו, צייכענען דעם בלוטיקן וועג.

אויף דעם דאָזיקן וועג קען מען אָבער אויך באַמערקן די גרויסע אַרבעט, וואָס די דייטשן האָבן אין די ערטער אָפּגעטאָן; כמעט ביי דער גאַנצער באַן=ליניע ציט זיך אַ שמאָלע באַן=ליניע האַרט ביים וואַלד, וועלכע איז ספּעציעל אויפגעבויט געוואָרן, כדי צו פאַרלייכטערן די דייטשן אַרויסצופירן קיין דייטשלאַנד די גרויסע מענגעס האָלץ, וואָס מען פלעגט דאָ האַקן. אין אייניקע ערטער זעט מען די אומגעהייער גרויסע האָלץ=פאַבריקן און טאַרטאַקעס, וואָס די דייטשן האָבן געבויט און וועלכע שטייען איצט פאַרלאָזן און פאַרוויסט.

די פּאַסאַזשירן, וועלכע האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו זען די דאָזיקע טאַרטאַקעס ביי דער אַרבעט, לאָזן אַרויס אַ זיפץ, וואָס די דאָזיקע קאָלאָסאַלע אונטערנעמונגען שטייען שטיל און אַרבעטן ניט אין דער צייט, וואָס פריער זיינען דאָרט פאַרנומען געווען הונדערטער מענטשן.

אין סאָקאָלקי, וועלכע איז נאָך געווען דעמאָלט אין דייטשן רשות, האָט שוין געוואַרט אַ פּוילישער צוג, אין וועלכן מיר זיינען אַלע אַריין אָן שום טרעפעניש און מניעות, באַלד האָט זיך דער צוג גערירט פון אָרט און אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן

מיר זיך שוין געפונען אין דער פוילישער מלוכה און אין רשות פון די פוילישע באַאַמטע. תּיכּף האָט זיך געלאָזט מערקן, אַז די שטימונג פון די יידישע פּאַסאַזשירן האָט זיך געביטן. אָנשטאָט דער פריערדיקער רואיקייט און זיכערקייט האָט זיך געפילט אַ שרעק, בפרט ביי די אָרטיקע יידן, וועלכע האָבן שוין עטלעכע מאָל דורכגעמאַכט דיזעלביקע נסיעה.

מען האָט אָנגעהויבן בודק צו זיין די פּעקלעך, דורכקוקן צי איז דאָרט, חלילה, ניטאָ קיין טרפות, און רייניקן זיך פון אַלעם דעם, וואָס האָט געקאָנט אַרויסרופן אַ וועלכן עס איז חשד ביי די פוילישע באַאַמטע.

עטלעכע וויאָרסט פון ביאַליסטאָק איז דער צוג צוליב אַן אומבאַוואוסטער סיבה געבליבן גאַנץ לאַנג שטיין. אייניקע פּאַסאַזשירן האָבן געוואָלט אויסנוצן די געלעגנהייט און אויסמיידן די באַגעגעניש מיט די פוילישע מאַכט־פאָרשטייער אויפן וואָקזאַל, זיי האָבן זיך דעריבער געלאָזט גיין שטילערהייט, אָבער ניט אַלעמען האָט זיך איינגעגעבן אַזוי בשלומדיק דורכשמוגלען דעם וועג. סאָלדאַטן האָבן זיי באַלד באַמערקט און געצוואונגען אומצוקערן זיך אין די וואַגאָנעס, דראָענדיק מיט שיסן.

דער צוג האָט זיך אינגיכן גערירט און בעת מיר זיינען אָנגעקומען אויף דעם וואָקזאַל, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אַלע פּחדים זיינען געווען אומזיסט. אָן שום גרויסע בדיקות האָט מען אַלע פּאַסאַזשירן דורכגעלאָזט אין שטאָט אַריין.

---

## VI.

ביאַליסטאָק האָט דעמאָלט איבערגעלעבט די ערשטע האָניק־טעג פון דער פוילישער ממשלה. די איבערגאַנגס־צייט איז אַריבער רואיק און שטיל, די דייטשן האָבן מיט גרויס פּאַראַד איבערגעגעבן ביאַליסטאָק אין די הענט פון די פוילישע מיליטער־באַאַמטע, דערביי זיינען געהאַלטן געוואָרן שיינע דרשות, אין וועלכע די אַוועקגייענדיקע מאַכט האָט געווונטשן די נייע מושלים אַלדאָס גוטס און די נייע מאַכט האָט צוגעזאָגט נאָכטאָן דער אַלטער און אָפּהיטן אַלע גוטע אָרדענונגען, וואָס די דייטשן האָבן איינגעפירט.

דער לעצטער דייטשער צוג איז אַוועק און אינגיכן איז געקומען אַ נייער צוג פון לאַפּי און אויף אַזאַ אופן איז ביאַליסטאָק געוואָרן אַ פוילישע שטאָט.

די פוילישע מאַכט האָט זיך באַמיט אויסצומיידן אַלערליי עקסצעסן און סקאַנדאַלן, און די יידישע באַפעלקערונג, וועלכע האָט מיט גרויס שרעק ערוואַרט די פוילישע ממשלה, האָט זיך אָנגעהויבן צו באַרואיקן.

מען האָט געהאָפט, אַז צוזאַמען מיט דער נייער מאַכט וועט קומען דער זול, און אַז אַלע פאַבריקן, וועלכע זיינען געשטאַנען שטיל אין די מלחמה־יאָרן, וועלן ווידער אָנהייבן צו אַרבעטן און עס וועט נעמען אַ סוף צו דער שרעקלעכער אַרבעטסלאָזיקייט.

די הויפּט־טעמע פון אַלע שמועסן איז געווען דער יקרות און דער זול. די אַלגעמיינע איבערצייגונג, אַז פון פוילן וועט קומען דער זול, איז געווען אַזוי גרויס, אַז אַן אָרטיקע צייטונג האָט די ידיעה, אַז דער אַמעריקאַנער הילפס־קאָמיטעט קלייבט זיך אַרויסצושיקן פּראָדוקטן פאַר דער אָרימער באַפעלקערונג, אויסגענוצט פאַר אַ ספּעציעלער עקסטראַ־אויסגאַבע פון דער צייטונג מיט אַ שרייענדיקן קאָפּ: „ד ע ר  ז ו ל  ג י י ט!״

נאָך דעם שטילן לעבן אין גראָדנע, האָבן די ביאַליסטאָקער גאַסן געמאַכט אַן איינדרוק, אַז ביאַליסטאָק לעבט אינטענסיוו און אַז עס איז שוין געקומען אַ סוף צו די מלחמה־צרות.

אין שטאָט זיינען געווען גאַנגבאַר די פוילישע און די אָסט־וואַליוטע, אָבער די בכורה האָט מען געגעבן דער פוילישער





וואַליוטע, אויף וועלכער עס זיינען געמאַכט געוואָרן דאָס רוב געשעפטן. אויף דער באַן־סטאַנציע האָט מען ניט גערן גענומען די אָסט־וואַליוטע, הגם די פוילישע אַסיגנאַציעס האָבן אויך געשטאַמט פון דעם זעלביקן מקור ווי דאָס אָסט־געלט, פון די דייטשע אָקופּאַנטן.

איך האָב ניט געקאָנט לאַנג פאַרבלייבן אין ביאַליסטאָק און צוריק קיין גראָדנע האָב איך געמוזט פאָרן אויף אַ פור, ווייל דער צוג פלעגט אָפּגיין ניט רעגולער און נאָר ביז ס אָ ק אָ ל ק י.

די באַוועגונג צווישן ביאַליסטאָק און סאָקאָלקי איז געווען זייער אַ לעבעדיקע און די בעלי־עגלות האָבן געשלאָסן אַ סינדיקאַט כּדי מיט פאַראייניקטע געמיינזאַמע כּוחות צו שינדן די הויט ביי די פּאַסאַזשירן.

מיר זיינען אַרויסגעפאָרן גאַנץ פרי און די ערשטע רעוויזיע האָבן מיר געהאַט נאָך אין שטאָט, ביי דעם בריק. אַ מיליציאָנער האָט זיך מיט אַ באַזונדער חשק אַרויפגעוואָרפן אויף אונזערע פּעקלעך, מיט כּעס צעוואָרפן אַלע אונזערע זאַכן און חפצים, — און האָט אונז אָפּגעלאָזן פריי.

ביים בריק זיינען נאָך געבליבן זייער פיל מלחמה־שפּורן — אָקאָפּעס, דראָט־פאַרצאַמונגען א. ד. ג.

ניט ווייט פון בריק ליגט דער פּראַוואָסלאַווער בית־עלמין, וואו הונדערטער געפאַלענע סאָלדאַטן האָבן געפונען זייער אָפּרו. זעלטן־וואו אויף אַ קבר געפינט זיך אַ ברעטל מיט אַן אויפשריפט. דאָס רוב קברים פון די פילע מלחמה־קרבנות, וואָס ליגן אויף דעם דאָזיקן בית־עלמין, האָבן אַפילו ניט דעם נאָמען פון די העלדן, וואָס זיינען באַהאַלטן אין זיי.

דער גאַנצער בית־עלמין איז אָפּגעלאָזן, זיינע בעלי־בתּים, די רוסישע פּראַוואָסלאַווע באַפעלקערונג האָט דאָ קיין שום באַדייטונג ניט און קאָן אַפילו ניט זאָרגן פאַר אירע מתים. די דייטשע בית־עלמינס, וואו עס זיינען באַערדיקט געוואָרן די דייטשע קריגער, צייכענען זיך אויס מיט זייער אָרדענונג און מיט זייער פּראַכטפולער זויבערלעכקייט. קאָנטיק, אַז די דייטשע מאַכט האָט שטאַרק געזאָרגט פאַר די טויטע קאַמעראַדן, וועלכע זיינען געפאַלן אין פרעמדן לאַנד. אויפן וועג טרעפן זיך וואו־ניט־וואו איינצלנע קברים מיט אַ צלם און מיט אַן אויפשריפט „היער ליעגט איין אונבעקאַנטער קריעגער״. די דייטשן האָבן געפילט אַ געוויסן רעספּעקט אַפילו צו די פיינדלעכע סאָלדאַטן און האָבן געזאָרגט אָפּצוגעבן דעם לעצטן כּבוד דעם געפאַלענעם שונא. צוקוקנדיק זיך אַזוי צו דעם וועג און באַטראַכטנדיק די אַלע דענקמעלער, זיינען מיר געקומען אַלץ נענטער צו דער שטעטל, וואו — ווי די בעלי־עגלות האָבן אונז פאַרזיכערט, — ס'איז געווען דער לעצטער פוילישער פּאָסטן און וואו מיר האָבן זיך צום לעצטן מאָל געדאַרפט טרעפן מיט די פוילישע מאַכט־פאָרשטייער. דער בעל־עגלה האָט אונז באַרואיקט, אַז אונז וועט קיין בייז ניט געשען און אַז מיר וועלן איבערגיין די גרעניץ בשלום. ווען מיר זיינען צוגעפאָרן צו דער שטעטל און די זשאַנדאַרמען האָבן אונז אָפּגעשטעלט, האָבן זיי ביי אונז געפאָדערט ניט רייזע־שיינען, נאָר קודם זיך גענומען צו אונזערע פּעקלעך, און די בדיקה איז געווען אַזאַ שטרענגע, צו וועלכער איך בין ניט געוויינט געוואָרן אַפילו אין רוסלאַנד, וואו די באַוואוסטע „צוים־אָפּטיילונגען״ האָבן זיך געמאַכט אַ שם מיט זייער גרינדלעכער, פלינקער אַרבעט.

די פוילישע זשאַנדאַרמען האָבן כּלומרשט געזוכט סאַכאַרין און פאַרשיידענע סחורות, אָבער אין אמתן האָבן זיי צוגענומען אַזעלכע געפערלעכע קאָנטראַבאַנדע ווי אַ קעז, אַ שטיקל פּוטער, עטלעכע ווייסע זעמל און אַ שטיקל וואורשט, וואָס איך האָב מיטגעפירט פאַר מיין אייגענעם געברויך. איך האָב געפּרובט באַווייזן, אַז איך האָב דאָס געקויפט פאַר מיר אַליין און אַז מיר שטייט נאָך פאָר אַ לאַנגער וועג, אָבער קיינע טענות האָבן ניט געהאָלפן

און איך האָב נאָר באַקומען עטלעכע גראָבע זילזולים און אַ פּאַרשלאָג, אַז איך זאָל זיך וואָס גיכער אָפּטראָגן, אַניט וועט ערגער זיין. און אַזוי האָב איך טאַקע געטאָן. דעם זעלבן מזל האָבן אויך געהאַט מיינע רייזע־חברים. אינטערעסאַנט איז, וואָס אַזעלכע „שפּייז־רעוויזיעס" זיינען פאָרגעקומען ניט אין אַ לאַנד, וואו עס פעלט, חלילה, שפּייז. פונדעסטוועגן האָבן מיר נאָך ניט געטאָרט זינדיקן, ווייל אַחוץ שפּייז האָט מען ביי אונז גאָרנישט צוגענומען, וואָרים אַנדערע פּאַסאַזשירן האָבן נאָך ערגער אָפּגעשניטן: ביי איינעם האָט נאָך דער רעוויזיע געפעלט אַ זייגערל, ביי אַ צווייטן אַן אַנדער חפץ, און ווען די גאַנצע חברה פּאַסאַזשירן האָט זיך מיט אַ ביסל צייט שפּעטער געטראָפן אין אַ יידישער אכסניא, עטלעכע וויאָרסט פון שטעטל, האָט זיך כמעט יעדער פּאַסאַזשיר אַרומגעזועען, אַז נאָך דער רעוויזיע פעלט אים עפּעס. קיינער האָט זיך אָבער ניט געקלאָגט, אַלע האָבן געדאַנקט גאָט, וואָס מען איז אָפּגעקומען נאָר מיט אַ מאַטעריעלן שאָדן און מען איז אַרויס גאַנץ מיט די ביינער. מיר האָבן זיך געפרייט, וואָס מיר זיינען אַרויס פון פּוילישן גבול, אָבער אינגיכן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אונזער שמחה איז געוועז פּריצייטיק.

געלאָזט זיך ווייטער אין וועג אַריין זיינען מיר אַריינגעפאָרן אין אַ געדיכטן וואַלד, וועלכער איז שוין אייגנטלעך געלעגן אין גבול פון דער דייטשער ממשלה, מיר האָבן אָבער ניט באַוויזן אָפּצופאָרן קיין סך, ווי עס האָט זיך געלאָזט הערן אַ שיסעריי און פון וואַלד זיינען אַרויסגעשפּרונגען צוויי זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבן אונז זיך געהייסן אָפּשטעלן. מיר האָבן געפאָלגט און דאָ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ נייע סדרה פון רעוויזיעס. אַלע פּעקלעך, וואָס מיר האָבן געהאַט ערשט צונויפגעבונדן, האָט מען ווידער געדאַרפט עפענען. די זשאַנדאַרמען האָבן זיך שוין ניט באַנוגנט מיט אַרומזוכן אין די פּעקלעך, נאָר גענומען בודק זיין די קעשענעס, אַרומטאַפּן דעם גאַנצן קערפּער און רעווידירן, צי האָבן חלילה די טשעמאָדאַנעס ניט קיין צווייענדיקן דעק. ביי איין יידישן פּאַסאַזשיר האָבן זיי יאָ אַנטדעקט אַזאַ דעק, וואו עס זיינען געווען באַהאַלטן די חשבונות פון דער סחורה, וואָס ער האָט געקויפט אין ביאַליסטאָק.

ווי נאָר די זשאַנדאַרמען האָבן דערטאַפּט די דאָזיקע פּאַפּירן, האָבן זיי אָנגעהויבן שלאָגן דעם אומגליקלעכן יידן מיט שרעקלעכער אכזריות, דעם יידנס חבר האָט געפּרובט טענהן און באַווייזן, אַז אין די חשבונות איז קיין סודות ניטאָ, אָבער ער האָט תיכף געקראָגן אַזעלכע פייערדיקע פּעטש, אַז ער האָט זיך גלייך געמוזט אָפּרוקן.

מיר, אַלע פּאַסאַזשירן, פון אַ סך פורן, זיינען אומבאַהאָלפן געשטאַנען און געקוקט ווי מען פּייניגט אַ אומשולדיקן מענטשן און האָבן גאָרנישט געקאָנט מאַכן.

צום גליק האָט זיך צווישן די פּאַסאַזשירן געפונען אַ יונגערמאַן — עפּעס אַ טעאַטער־אַנטרעפּענער, וועלכער איז צופעליק געווען באַקאַנט מיט די זשאַנדאַרמען. מיר אַלע האָבן זיך געווענדט צו אים, ער זאָל אויסנוצן זיין הויכע באַקאַנטשאַפט און ווי עס איז אויסלייזן דעם געשלאָגענעם יידן. דער אַנטרעפּענער האָט דאָס טאַקע גאַנץ גיך געפועלט... פאַר 50 מאַרק איז דער ייד תיכף באַפרייט געוואָרן, נאָר די אַלע חשבונות האָבן די זשאַנדאַרמען צעריסן, כדי מען זאָל, חלילה, פון פּוילן קיינע סעקרעטן ניט אַרויספירן.

ביי אַלע איבעריקע פּאַסאַזשירן האָבן די זשאַנדאַרמען צוגענומען דאָס לעצטע ביסל שפּייז, וואָס די ערשטע רעוויזאָרן האָבן איבערגעלאָזט. אַלע האָבן שטיל צוגעקוקט דער דאָזיקער אייזעלער אַרבעט — און קיינער האָט ניט פּראָטעסטירט. איינער אָבער פון דער קאָמפּאַניע, ביי וועלכן די זשאַנדאַרמען האָבן אַנטדעקט אַ גאַנצע וואורשט־קישקע און עטלעכע שטיקער זייד האָט ניט געלאָזט קאָנפיסקירן זיין גוטס און געדראָט, אַז ער וועט אָנקלאָגן די זשאַנדאַרמען. — אַזאַ חוצפה האָט שרעקלעך אויפגעבראַכט די היטער פון דער אָרדענונג און זיי האָבן אַרעסטירט דעם דאָזיקן פּאַסאַזשיר און אים אַוועקגעפירט מיט זיך. וואָס מיט אים איז געוואָרן ווייס איך ניט, מסתמא האָבן אים די זשאַנדאַרמען געלאָזט טייער באַצאָלן פאַר זיין דרייסטקייט.

די גאַנצע רעוויזיע האָט געדויערט עטלעכע שעה און ווען די זשאַנדאַרמען האָבן זיך שוין גענוג אָנגעלאָדן מיט פאַרשיידענע קאָנפיסקירטע זאַכן, האָבן זיי אונז ערלויבט צו פאָרן ווייטער און אין אַ 15—20 מינוט אַרום האָבן מיר דערזעען דייטשע סאָלדאַטן־רייטער — ווען מיר וואָלטן דערזען משיחן, וואָלטן מיר זיך אפשר ניט מער דערפרייט.

אָבער דערמיט האָבן זיך נאָך אונזערע צרות ניט געענדיקט. אינגיכן זיינען מיר אַריינגעפאָרן אין אַ דאָרף, וואו אונז האָט באַגעגנט דער ערשטער דייטשער פּאָסטן. צום אומגליק האָט זיך ביי אונזער פורמאַן עפּעס אָפּגעריסן אין וואָגן און ער האָט זיך געאיילט וואָס גיכער צו פאַרפאָרן צו אַ באַקאַנטן פויער מאַכן עס צו רעכט. פאָרנדיק צו האַסטיק, האָט ער זיך תיכף ניט אָפּגעשטעלט אויף דעם „האַלט" פון דעם דייטשן סאָלדאַט. דער סאָלדאַט האָט ניט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און אויסגעשאָסן אין אים. די קויל איז דורכגעפלויגן איבער אונזערע קעפּ, אָבער צום גליק קיינעם ניט געשאַדט.

עס איז באַלד אַרויסגעלאָפן אַ אָפיציר, וועלכער האָט אָנגעהויבן שרייען אויף דעם סאָלדאַט, ווי אַזוי ערלויבט ער זיך צו שיסן אין ציווילע מענטשן, אָבער דער סאָלדאַט האָט אים גראָב געענטפערט און ערקלערט, אַז עס איז שוין ניטאָ די אַלטע און שטרענגע דיסציפּלין און אַז ער האָט בכלל קיין מורא ניט פאַר זיין אייבערהאַר.

אין אַלגעמיין בין איך געווען צופרידן, וואָס די דייטשע אַרמיי־דיסציפּלין איז געבראָכן געוואָרן, ביי דעם פאַל אָבער האָב איך געהאַט אַ קלאָרן ביישפּיל, ווי אַזוי די פרייוויליקע (אונזער העלדישער שיסער איז געווען פון זיי) באַגייען זיך מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

מיט דער קויל האָט זיך אונזער שרעק ניט געענדיקט. באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ בדיקה פון אונזערע פּעקלעך און די „פּערזאָנאַל־שיינען". וואָס די דייטשן האָבן געזוכט, פאַרשטיי איך לחלוטין ניט, ווייל זיי האָבן ביי קיינעם גאָרנישט צוגענומען און מיר האָבן טאַקע גאַנץ גיך אָפּגעפּטרט זיך מיט זיי און אַוועקגעפאָרן ווייטער און אין גיכן געקומען קיין סאָקאָלקי.

קיין לאַנגע שהיות האָבן מיר דאָ ניט געמאַכט און באַלד געלאָזט זיך ווייטער אין וועג אַריין. מיר האָבן נאָך ניט באַוויזן אַרויסצופאָרן פון שטאָט, ווי עטלעכע באַוואָפנטע יונגעלייט האָבן אונז ווידער אָפּגעשטעלט. — שוין זשע וועט מען דאָ ווידער מאַכן אַ רעוויזיע אין אונזערע פּעקלעך? האָבן מיר מיט גרויס קלעמעניש געטראַכט. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די אָרטיקע יידישע קהילה האָט אַרויפגעלייגט אַ קאָפּשטייער פון 1 מאַרק פאַר יעדן דורכפאָרער, און אַזוי ווי די דייטשע מאַכט האָט זיך שוין איצט ניט געמישט אין די אינווייניקסטע שטאָט־ענינים, האָט זי ניט געשטערט דעריבער אויפצומאָנען דעם שטייער, אויף וועלכן עס זיינען אויסגעהאַלטן געוואָרן די יידישע קולטורעלע אַנשטאַלטן, ווייל די אָרטיקע יידישע באַפעלקערונג איז צו אָרים און צו קליין, כדי מיט די אייגענע מיטלען זיי צו שטיצן. מיט פאַרגעניגן האָבן מיר באַצאָלט דעם קאָפּשטייער און אַוועקגעפאָרן ווייטער. אין אָוונט זיינען מיר געקומען אין שטעטל קוזניצע, וואו אונז האָט ווידער אָפּגעשטעלט אַ דייטשער פּאָסטן און באַפוילן אַראָפּנעמען אונזערע פּעקלעך און עפענען זיי. ווילנדיק ניט ווילנדיק האָבן מיר ווידער געמוזט אַראָפּשלעפּן די פּעקלעך און

אַריינטראָגן זיי אין שטוב, וואָס האָט געדינט אַלס קאַזאַרמע, און ווייזן אַלצדינג דעם אָפיציר, וועלכער האָט דערביי אויך פאַרשריבן אונזער נאָמען, פאַמיליע, פון וואַנען און וואוהין מיר פאָרן און וויפיל געלט יעדערער פון אונז האָט.

ווען איך האָב געפרעגט דעם סאָלדאַט, צוליב וואָס ווערט דאָס אַלץ פאַרשריבן, האָט ער מיר געענטפערט, אַז צוליב קאָנטראָלע. אָבער וואָס פאַר אַ קאָנטראָל=צוועקן האָט מען געקאָנט דערביי אויסן זיין איז ניט געווען צו פאַרשטיין. גיכער, איז דער גאַנצער טאַראַראַם געמאַכט געוואָרן נאָר כדי די ליידיק גייענדיקע דייטשע סאָלדאַטן מיט זייער קאָמענדאַנט זאָלן עפּעס האָבן וואָס צו טאָן.

די רעוויזיע פון אַלע פּאַסאַזשירן האָט גאַנץ לאַנג געדויערט און מען האָט דעריבער געקאָנט באַטראַכטן, ווי אַזוי לעבן די דייטשע פריייוויליקע סאָלדאַטן און מען מוז זאָגן, אַז די נאַרעס מיט די בינטלעך שטרוי, שטרויקישנס און דער גאַנצער שמוציקער צימער האָבן געמאַכט זייער אַ שלעכטן איינדרוק.

מיר זיינען פאַרפאָרן אין אַן אַכסניא, וואו אין אַ קליינעם און שמוציקן צימערל האָבן מיר געהאַט עלעקטרישע באַלייכטונג — די ירושה, וואָס די דייטשן האָבן איבערגעלאָזט נאָך זייער אָקופּאַציע.

אויף מאָרגן זיינען מיר גאַנץ פרי — פאַר דער ערלויבטער צייט — נאָר ניט מער ווי פאַר 3 מאַרק, אַרויסגעפאָרן און אויף אַן אויסגעצייכנטן שאָסיי=וועג אינגיכן צוריקגעקומען קיין גראָדנע.

——— ———

### .VII

אין גראָדנע האָט מען דעמאָלט שוין געוואַרט אויף די פּאָליאַקן. עטלעכע מאָל זיינען שוין אָנגעגעבן געוואָרן פאַרשיידענע טערמינען, ווען דאָס פּוילישע מיליטער דאַרף אַריינגיין, אָבער אַלע טערמינען האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר פאַלש. הגם די דייטשן האָבן ווי שטענדיק ניט געזאָגט אָפן, ווען זיי דאַרפן אַוועקגיין פון גראָדנע, נאָר קאָנטיק איז שוין געווען, אַז זייערע טעג זיינען געציילטע. ניט קוקנדיק דערויף, האָבן די דייטשן זיך באַצויגן צו דער באַפעלקערונג אַזוי, ווי זיי וואָלטן גאָרניט גערעכנט צו פאַרלאָזן די שטאָט. די זעלבע פאַראָרדענונגען, וואָס די ציווילע באַפעלקערונג האָט געמוזט ערפילן פריער בנוגע צו אַרויספירן אָדער אַריינפירן סחורה, זיינען געבליבן בתקפס אויך איצט, דאָסגלייכן זיינען געבליבן גילטן אַלע כללים וועגן פּערזאָנאַלשיינען און אַזוי ווייטער, אויך אַלע תקנות וועגן צענזור. אין פעסטונג האָבן נאָר אויפגעהערט די אויפרייסונגען, וועלכע האָבן אין משך פון אַ גאַנצן ווינטער ניט געלאָזט רוען די אָרטיקע באַפעלקערונג, קאָנטיק, די דייטשן האָבן שוין אויפגעריסן און חרוב געמאַכט אַלץ, וואָס עס איז נאָך געבליבן פון די געוואַלדיקע אוצרות, וואָס די רוסן האָבן איבערגעלאָזט, עס זאָל ניט אָנקומען די פּאָליאַקן.

אין שטאָט האָט מען ניט מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אויפן פּוילישן מיליטער. דער אַרבעטער=ראַט, וועלכער האָט עקסיסטירט אומלעגאַל צוליב די רדיפות און רעפּרעסיעס פון דער דייטשער מאַכט, האָט זאָגאַר ערקלערט אַ פּראָטעסט=שטרייק קעגן דעם ערוואַרטן אַריינמאַרש פון פּוילישן מיליטער, אָבער דער שטרייק האָט זיך ניט איינגעגעבן, ווייל די פּוילישע אַרבעטער זיינען צו אים ניט צוגעשטאַנען און זיינען אַפילו אַרויסגעטראָטן פון אַרב. ראַט. און די דייטשן, וועלכע האָבן ניט מיט גרויס שמחה געמוזט אָפּרוימען דעם אָרט פאַר די פּאָליאַקן, האָבן בכלל ניט געוואָלט ערלויבן קיין שום פּאָליטישן אַרויסטריט און האָבן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם שטרייק געמאַכט אַ רעוויזיע אין דעם אָפיציר=קאַזינאָ, וואָס איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַרבעטער=קלוב, אַרעסטירט אייניקע מיטגלידער פון די אַרבעטער=אָרגאַניזאַציעס און דערשטיקט די געפּלאַנטע אַקציע פון די



אַרבעטער. די אָפיציעלע מאַכט פון שטאָט — דער שטאָט=קאָמיטעט — האָט ניט געקענט און ניט געוואָלט אַריינמישן זיך אין אַזעלכע פּאָליטישע ענינים, בפרט ווען עס איז געווען באַוואוסט, אַז די דייטשן וועלן ניט און קאָנען ניט גיין אויף קיינע קאָמפּראָמיסן אין אַזעלכע פּאָליטישע ענינים, וועלכע זיינען געווען פאַרבונדן מיט אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, און די אַרעסטירטע אַרבעטער זיינען געבליבן זיצן אין טורמע.

אויף דעם וואָקזאַל און אויף דער באַן=ליניע זיינען די דייטשן נאָך אַלץ געבליבן די איינציקע מושלים. אַ צוג נאָך סאָקאָלקי פלעגט גיין בלויז איין מאָל אַ וואָך, און אַזוי ווי די דייטשע באַן=אַדמיניסטראַציע האָט ניט זייער גערן געהאַט די ציווילע פּאַסאַזשירן, פלעגן די סאָלדאַטן מיט אַ כיוון געבן פאַלשע ידיעות וועגן דער באַן=באַוועגונג און עס פלעגט גאַנץ אָפט אויסקומען וואַרטן וואָכנלאַנג אויף אַ צוג.

דערצו נאָך די אַלע פאָרמאַליטעטן מיט די „אויספיר”=און פּערזאָנאַל=שיינען פון שטאָט=קאָמיטעט, באַשטעטיקט פון קרייז=הויפּטמאַן און פון סאָלדאַטנראַט האָבן אָפּגענומען זייער פיל צייט. אָבער נאָך גרויסע מאַטערנישן און לויפענישן האָב איך דאָך אָפּגעפטרט אַלע פאָרמאַליטעטן און בין אַוועקגעפאָרן קיין מערעטש. אונטערוועגנס האָבן מיר געטראָפן נאָר איין דייטשע מיליטער=אָפּטיילונג, וועלכע האָט זיך מיט אונז זייער העפלעך באַגריסט און קיין שום טענות צו אונז ניט געהאַט. מיר האָבן אויך באַגעגנט עטלעכע פורן מיט יונגעלייט אַנטלאָפענע פון ווילנע, ווייל דאָרט האָט מען זיך געריכט אויף אַ מאָביליזאַציע. די „זעלבשטענדיקע רעפּובליק” גראָדנע האָט בכלל דאַן צוגעצויגן צו זיך אַ סך יונגעלייט אין די פּריזיוו=יאָרן פון ראַטנרוסלאַנד און פון פּוילן.

מיר האָבן פאַר אַ מאָביליזאַציע קיין מורא ניט געהאַט, האָבן מיר זיך געלאָזט פאָרן ווייטער, אין אָוונט צו זיינען מיר אָנגעקומען קיין מערעטש.

די דאָזיקע אַלטע שטאָט ביים ניעמאַן, וועלכע איז אויפגעבויט געוואָרן נאָך די נאָרמאַנען און וואָס האָט געדינט אַלס פעסטונג אין דעם פאַרטיידיקונגס=קאַמף פון די ליטווינער קעגן די דייטשן, איז איצט אַ קליין שטעטל, וואָס צייכנט זיך מיט קיין זאַך ניט אויס, אַחוץ אפשר דעם מויער, אין וועלכן עס איז, לויט דער לעגענדע, געשטאָרבן אין יאָר 1648 דער פּוילישער קיניג וולאַדיסלאַוו IV, ווען ער איז אַרויסגעטראָטן קעגן באָגדאַן כמעלניצקי. ווער ווייס, צי עמיצער וואָלט זיך דערמאָנט וועגן אַזאַ היסטאָרישן פאַקט, ווען ניט די דייטשן, וועלכע האָבן זיך בכלל זייער פיל געגריבלט אין דער ליטווישער געשיכטע און באַמיט זיך אויסצוגראָבן פאַרשיידענע אַרכעאָלאָגישע און היסטאָרישע זכרונות וועגן דער אָקופּירטער דורך זיי ליטע.

אָבער אין דער צייט, ווען מיר זיינען געקומען קיין מערעטש, זיינען דאָרט פאָרגעקומען וויכטיקע מיליטערישע געשעענישן. די דייטשע מיליטער=אָפּטיילונג, וועלכע איז אין משך פון דעם גאַנצן ווינטער געשטאַנען פעסט ביי מערעטש קעגן די באָלשעוויקעס, איז פּלוצלונג אַרויס קעגן די רויטע אַרמייער און נאָך אַ קליינעם צוזאַמענשטויס אַרויסגעיאָגט זיי פון אָראַן. עס זיינען דערביי געפאַלן עטלעכע סאָלדאַטן, איין אָפיציר איז געפאַנגען געוואָרן דורך די רויטע און אַפילו אַ לופט=באַלאָן איז אין דער שלאַכט צעשעדיקט געוואָרן.

ווייזט אויס, אַז דאָסמאָל האָבן זיך די דייטשן באַצויגן ערנסט צו זייער קאַמף מיט די באָלשעוויקעס. אפשר האָט דאָס געזאָלט זיין אַ התחלה פון דער דייטשער אָפּענסיווע אויף ווילנע, וועגן וועלכער מען האָט גערעדט אין משך פון אַ גאַנצן ווינטער. די דייטשע סאָלדאַטן האָבן אַפילו דערציילט, אַז מען האָט יעדן פון זיי צוגעזאָגט 3000 מאַרק פאַר שטורימען ווילנע. משמעות,

אַז אין די העכערע מיליטערישע קרייזן האָט מען טאַקע פּראָיעקטירט אַ אָפּענסיווע אויף ווילנע, אָבער די דייטשע מיליטער־מאַכט האָט דערבּיי ניט גענומען אין אַכט איין קלייניקייט, — אַז זי האָט צו טאָן ניט מיט דער אַלטער דיסציפּלינירטער דייטשער אַרמיי, נאָר מיט אַ טייל פון דעם פרייווילּיקן קאָרפּוס, וועלכער האָט געקוקט אויף דעם מיליטער=דינסט — נאָר ווי אויף אַ מיטל צו לעבּן אַ גוטן טאָג אין די אָקופּירטע לענדער און דערבּיי מיט קיין זאַך ניט צו ריזיקירן.

די דיסציפּלינלאָזיקייט איז אין די דאָזיקע מיליטער=טיילן געווען אַזוי גרויס, אַז די סאָלדאַטן האָבּן מיט אַ קורצער צייט פאַר דער ווילנער אָפּענסיוע פאַרשטרייקט און געפאָדערט אַ הוספה, אָנשטאָט 10 מאַרק שכירות אַ טאָג — 30 מאַרק. און נאָך עטלעכע טעג שטרייקן האָט מען זיי געמוזט די פאָדערונג נאָכגעבּן.

און, ווען די דייטשן האָבּן דורכגעריסן די פראָנט=ליניע זון נאָך אַ געשלעג אַריין אין דעם ערשטן באָלשעוויסטישן גרעניץ=שטעטל, אין אָראַן, וואָס איז געווען אינגאַנצן חרוב און וואו עס איז שווער געווען צו באַקומען אַ פּיצל בּרויט, האָבּן זיי פאַרלוירן זייער גאַנצע גבורה און קריגס=לוסט און אָן לאַנגע שהיות צוריק אומגעקערט זיך קיין מערעטש.

צוליבּ דער דאָזיקער עקספּעדיציע האָבּן די דייטשן אויך „געשפּערט” דעם אַרויספאָר פון שטאָט, און מיר האָבּן געמוזט בּלייבּן נעכטיקן אין שטעטל. אויף מאָרגן פרי האָט זיך מיין וועג=חבר געלאָזט גיין צום קאָמענדאַנט און איך ווייס ניט, מיט וואָס ער האָט בּיי דעם קאָמענדאַנט אַזוי נושא=חן געווען, וואָס ער האָט גלייך בּאַקומען אַ רייזע=שיין פאַר אונז בּיידן אין דער צייט, וואָס אַ סך פּאַסאַזשירן זיינען שוין עטלעכע טעג געזעסן אין מערעטש און זיך ניט געקענט דערוואַרטן אויף דער ערלויבּעניש אַרויסצופאָרן.

ווען מיר האָבּן פאַרלאָזן די שטאָט, האָבּן נאָך אייניקע יונגע=לייט געפּרובּט נאָכטאָן אונזער בּיישפּיל, אָבער די דייטשע וואַן=סאָלדאַטן האָבּן זיי תּיכּף אומגעקערט צוריק. מיר זיינען דורכגעגאַנגען די גרעניץ און נאָך עטלעכע שעה רייזע זיינען מיר בּשלום געקומען קיין אָראַן, דעם ערשטן פּונקט פון דער דעמאָלטיקער „ליטבּעל”.

דער ערשטער רויטער אַרמייער, וואָס האָט אונז בּאַגעגנט, האָט ניט געבּעטן בּיי אונז קיין שיינען. ער האָט זיך מער פאַראינטערעסירט מיט די שפּייז=פּעקלעך, וואָס מיר האָבּן געפירט און איז געווען אַ בּעלן עטוואָס פאַרזוכן פון זיי. אָבער דאָ, אין דער ראַטנרעפּובּליק, זיינען מיר שוין געווען גענוג דרייסט און האָבּן אים ניט ערלויבּט צוצורירן זיך צו אונזערע פּעקלעך. דער רויטער אַרמייער האָט ניט פּראָטעסטירט און האָט זיך נאָר געווענדט צו אונז מיט אַ בּקשה, מיר זאָלן אים כאָטש בּייטן אַ קערענקע אויף קליינגעלט ד. ה. אויף צאַרישע, און אַז מיר האָבּן אויך די דאָזיקע בּקשה ניט ערפילט, האָט ער אונז צו רו געלאָזט און מיר זיינען בּשלום אַוועקגעפאָרן ווייטער און פאַרפאָרן אין דער ערשטער אַכסניא, וואָס מיר האָבּן געטראָפן אויפן וועג. דאָס איז געווען אַ מוראדיק=שמוציקע דירה פון אַן אָרימן שוסטער, וועלכער האָט, ווי אַלע איבּעריקע אָראַנער איינוואוינער, געזוכט אויסצוניצן דעם גרויסן שטראָם היימלאָזע, וואָס האָבּן זיך אומגעקערט צוריק קיין פּוילן, כּדי צו פאַרוואַנדלען זיין שטיבּל אין אַ כּלומרשטער אַכסניא און צו בּאַקומען פאַר יעדן שמוציקן ווינקל און שמוציקער גלאָז וואַסער אַזעלכע הויכע פּרייזן, פאַר וועלכע מען האָט זיך געקאָנט אויף דעם בּעסטן אופן איינאָרדענען אין אַ ערשט=קלאַסיקן האָטעל פון די גרעסטע וועלט=צענטערס.

געלאָזט די פּעקלעך, בּין איך תּיכּף אַוועק אין שטעטל זוכן דעם קאָמענדאַנט צו בּאַקומען אַ רייזע=שיין און אויך געפינען אַ בּעל=עגלה, וואָס זאָל אונז וואָס גיכער אַוועקפירן פון אָראַן.

דער רושם, וואָס דאָס שטעטל האָט אויף מיר געמאַכט, איז געווען אַ געוואַלדיקער. פאַר די לעצטע עטלעכע חדשים האָבּ איך גענוג דורכגערייזט שטעט און שטעטלעך פון דעם מלחמה=געבּיט, אָבּער אַזאַ חורבּן ווי אין אָראַן האָבּ איך נאָך ניט געזען. עס איז ממש ניט געווען קיין איין גאַס, וואו אַ העלפט אָדער דאָס רוב הייזער זאָלן ניט זיין צעשמעטערט פון גראַנאַטן. די חרובע בּנינים זיינען געווען שטומע עדות פון בּיטערע שלאַכטן, פון אומגעהייערע צרות, וואָס די היגע איינוואוינער האָבּן דאָ געמוזט איבּערלעבּן.

די שלאַכטן צווישן דער דייטשער און דער רוסישער אַרמיי אַרום אָראַן האָבּן געדויערט וואָכנלאַנג, און אין משך פון דער דאָזיקער צייט האָבּן די איינוואוינער געמוזט ליגן באַהאַלטן אין קעלערס און גרובּן און מורא געהאַט בּאַווייזן זיך אויף דער ווייסער וועלט. ווען די רוסן האָבּן זיך נאָך געהאַלטן אין דעם אָראַנער ראַיאָן, זיינען די אָראַנער יידן, אַזוי ווי אַ סך יידן פון פיל אַנדערע שטעט, אַרויסגעטריבּן געוואָרן און געמוזט אָפּריכטן גלות און ליידן מוראדיקע צרות און גויט. נאָכדעם ווי אָראַן איז פאַרנומען געוואָרן פון די דייטשן האָבּן זיך פיל פאַמיליעס אומגעקערט און אַריינגעקליבּן זיך אין די וואו=ניט=וואו פאַרבּליבּענע הייזלעך. אָבּער ניט לאַנג האָט מען די אָראַנער געלאָזט צו רו. אינגיכן האָבּן די דייטשן אויך אַרויסגעשיקט אַלע איינוואוינער פון שטעטל, ווייל דאָ איז געוואָרן אַ שיס=פּלאַץ און די דייטשן האָבּן ניט געוואָלט, אַז די ציווילע זאָלן זען זייערע מיליטערישע איבּונגען. נאָך די עטלעכע גלות=חדשים האָבּן זיך אייניקע אָראַנער צוריק אומגעקערט, אָבּער זיי האָבּן דאָרט געטראָפן נאָך ווייניקער גאַנצע הייזער, ווייל בּיי די איבּונג=שיסערייען זיינען ווידער חרוב געוואָרן אַ סך בּנינים. דאָס שטעטל איז געוואָרן פאַראָרימט, די רייכערע און פאַרמעגלעכערע האָבּן ניט געוואָלט ריזיקירן אין אַזאַ גהינום=אָרט. געבּליבּן דאָרט זיינען נאָר די אָרימע לייט, וועלכע האָבּן זיך ניט געהאַט וואוהין אַהינצוטאָן און געהיט די אָראַנער חורבות און קבּרים.

איצט, ווען די מלחמה האָט זיך שוין געענדיקט און די אַלע אַרומיקע שטעטלעך זיינען אַ בּיסל געקומען צו זיך פון די מלחמה=שרעקן, איז אויף אָראַן ווידער געפאַלן דער גורל צו ליגן אין משך פון אַ גאַנצן ווינטער אויף דער פראָנט=ליניע און ווידער אויסשטיין אַלע צרות, וואָס זיינען פאַרבּונדן מיט אַזאַ לאַגע.

דער לעצטער צוזאַמענשטויס צווישן די דייטשן און רויטע אַרמייער איז אויך פאָרגעקומען האַרט בּיי דער שטאָט און ניט איין קויל איז דורכגעלאָפן דורך דעם דאָזיקן שטעטל, וואָס האָט שוין אַזוי פיל שלאַכטן איבּערגעלעבּט פאַר דער מלחמה=צייט.

נאָך לאַנגע זוכענישן איז מיר סוף=כּל=סוף געלונגען צו געפינען דעם קאָמענדאַנט בּיי דעם רב אין שטוב. אין אַ קליין צימערל, וואוהין איך בּין אַריין, זיינען צוויי מענטשן געשלאָפן אויף האַרטע בּענק און צוויי אַנדערע זיינען געזעסן בּיי אַ קליין טישל, אויף וועלכן עס זיינען געווען אָנגעוואָרפן פאַרשיידענע פּאַפּירלעך, שטיקלעך בּרויט, טאַבּאַק און טיי=גלעזער.

ווען איך האָבּ דערקלערט דעם קאָמיסאַר מיין וואונטש אַוועקצופאָרן פון אָראַן, איז ער אויף מיר אָנגעפאַלן מיט קולות און זילזולים:

— פאַרוואָס שיקט מען אונז קיין בּרויט ניט! צו וועלכן טייוול שיקט מען אונז פאַרשיידענע שלוחים! צו וואָס זייט איר אַהער געקומען, אַז מיר האָבּן דאָ קיין בּרויט ניט!

איך האָבּ אים געפּרובּט דערקלערן, אַז איך בּין גאָט די נשמה שולדיק, וואָס זיי האָבּן קיין בּרויט ניט, און אַז איך האָבּ די מינדסטע שייכות ניט צו דעם אַפּראָוויזאַציע=אַפּאַראַט פון דער רויטער אַרמיי, אָבּער דער קאָמיסאַר האָט ניט געוואָלט צוהערן

זיך צו מײַנע ווערטער און אויפגערעגט און נערוועאיש האָט ער געשריען:

—מיר האַלטן דאָ אָפּ נצחונות, מיר טרײַבן און שלאָגן די דײַטשן און קיין ברויט שיקט מען אונז ניט!

איך האָב באַלד באַמערקט, אַז איך האָב פאַר זיך אַ שרעקלעך=מידן און דענערווירטן מענטשן און בין דעריבער ניט אַרײַן מיט אים אין לאַנגע דרכים, איך האָב נאָר געבעטן, אַז ער זאָל מיר ערלויבן אַוועקצופאָרן און אויב עס איז מעגלעך, מיר מיטהעלפן דערין.

—גוט, קריגט פורן, וועט איר פאָרן—האָט צום סוף דערקלערט דער קאָמיסאַר.

איך האָב זיך דערפרייט מיט אַזאַ רעזאָלוציע, אָבער מײַן פרייד איז געווען אַ פּריצייטיקע.

קודם, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין גאַנץ שטעטל איז ניטאָ אַפילו קיין איין פורל. אייגנטלעך, זײַנען געווען פורן און פערד, אָבער ערגעץ=וואו באַהאַלטן, ווײַל אַלע פערד פלעגן די רויטע אַרמייער תּיכּף רעקווירירן און אַוועקשלעפּן צו מיליטער=צוועקן. בײַ אייניקע הייזער זײַנען געשטאַנען פורן מיט געשפּאַנטע פערד, אָבער דאָס זײַנען געווען מאָביליזירטע, אויף דעם פאַל, ווען עס וועט אפשר אויסקומען צו אַנטלויפן און אַוועקפירן די קוילנוואַרפערס מיטן געווער. די פערד=אייגנטימער זײַנען געשטאַנען בײַ זייערע פורלעך און מיט ביטערע טרערן געוויינט און געבעטן זיך, אַז מען זאָל זיי אָפּלאָזן, אָבער די אַלע בקשות זײַנען געווען אומזיסט, ווײַל די אַרמייער האָבן ניט געקאָנט קריגן קיין אַנדערע פערד צו פאַרבײַטן די—וואָס זײַנען שוין עטלעכע טעג געשטאַנען אין שפּאַן. די אָרטיקע אײַנוואוינער האָבן אַזוי ווײַט פאַריאָגט זייערע פערד, אַז קיין מענטש האָט זיי ניט געקאָנט געפינען.

איך האָב זיך געלאָזט גיין איבער די הייזער זוכן אַ פערד, אָבער אומעטום האָט מען מיר אין איין קול ערקלערט, אַז אומזיסט איז מײַן מי—קיין פערד וועל איך ניט געפינען. אַרומזוכנדיק אַזוי איבער די הייזער, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צוקוקן זיך, ווי אַזוי די אָרטיקע באַפעלקערונג לעבט.

אין די הײַזלעך איז געווען שרעקלעך ענג און שמוציק, אומעטום פול געפּאַקט מיט די רויטע אַרמייער, וועלכע האָבן זיך ממש געוואַלגערט אין אַלע לעכער. אין אַ שטוב, וואו מען האָט געבאַקט מצה און וואו עס איז געווען שרעקלעך הייס, האָבן אין אַ צווייטן צימער צוזאַמען מיט דער ווירטין און אירע קינדער, גרעסערע און קלענערע ביז וויג=קינדער, געוואוינט אַ היבשע ביסל סאָלדאַטן מיט אַן „עלטערן". ווי אַזוי האָבן זיי אַלע דאָרט געקענט לעבן האָב איך בשום אופן ניט פאַרשטאַנען. און נאָך מער וואונדער איז געווען, וואָס די יידישע פאַמיליע, די אַרבעטערינס פון מצה=פּאָדריאַד, און די גרופּע רויטע אַרמייער האָבן זיך, קאָנטיק, ניט שלעכט געפילט אין דער שרעקלעכער ענגשאַפט און שטיקעניש.

אין אַ פּעסימיסטישער שטימונג בין איך אַוועק אין מײַן „אכסניא". דאָרט האָט אויף מיר געוואַרט מײַן וועג=חבר, וועלכער האָט מיר דערציילט זײַנע אײַנדרוקן פון טאָג. אַ גאַנצן טאָג האָט זיך די טיר פון שטוב כמעט ניט צוגעמאַכט, יעדע מינוט פלעגן אַרײַנקומען אַרמייער און בעטן ברויט, אָדער עפּעס אַנדערש צום דערהאַלטן די נשמה. באַקאַנטע אַרמייער פלעגן די בעלי=בתּים פאַר גרויסע געלט פאַרקויפן פּראָדוקטן, אָבער ווען עס פלעגט זיך נאָר באַווײַזן אַן אומבאַקאַנטער פלעגט דער בעל=הבית צוזאַמען מיט דער גאַנצער כאַליאַסטרע קינדער מאַכן קולות און טענהן, אַז זיי האָבן קיין ברויט ניט, אַז זיי זײַנען אָרימע אומגליקלעכע מענטשן א. א. וו. ביז דעם סאָלדאַט פלעגט נמאס ווערן צו הערן די יללות און, אויסשפּײַענדיק מיט כּעס, אַוועקגיין אין אַ צווייטער שטוב זוכן, אפשר וועט דאָרט אים אײַנגעבן צו קריגן פאַר זײַנע קערענקעס, וואָס קיינער האָט ניט געוואָלט נעמען, אַ שטיקל ברויט און אפשר אַ ביסל בראַנפן צו דערקוויקן זיך.

איך האָב זיך געפּרובט צולייגן אויף דער שמוציקער קושעטקע, וואָס איז געשטאַנען אין צימער, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פאַקטיש איז עס ניט קיין קושעטקע, נאָר אַ געהיימער סקלאַד פון תּבואה, ווײַל אין קושעטקע זײַנען געלעגן באַהאַלטן זעק מיט קאָרן, מעל א. ד. ג. קיין בייז אויג זאָל ניט באַמערקן.

דער בעל=הבית האָט אונז צוגעזאָגט קריגן מאָרגן אַ בעל=עגלה און מיר האָבן זיך אַוועקגעלייגט אין די שרעקלעך שמוציקע בעטן. די גאַנצע נאַכט האָבן געוויינט די קינדער און עס האָבן זיך געחלומט שלעכטע חלומות, אַלס אַן אָפּקלאַנג פון די ביטערע און גרויזאַמע בילדער פון חורבן, אָרימקייט און עלנט, וואָס מיר האָבן זיך פאַר אַ גאַנצן טאָג אָנגעזען.

אינגיכן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די נערוועאישקייט פון קאָמיסאַר האָט געהאַט אַ גרונד: די אַרמייער, מיד און בייז פאַר הונגער, האָבן זיך צעבונטעוועט און זיך אַנטזאַגט צו גיין וואוהין מען האָט זיי געשיקט, פאָדערנדיק ברויט. די גאַנצע מיליטער=אָפּטיילונג האָט זיך צונויפגעזאַמלט אויף דער גאַס, אָבער האָט זיך ניט גערירט אין וועג. דער קאָמיסאַר און נאָך עטלעכע מקורבים זײַנען אַוועק אַליין, אָבער די אַרמייער זײַנען אַלץ געשטאַנען אויפן אָרט. אייניקע אַרמייער האָבן זיך אַ ביסל דערשראָקן און האָבן יאָ געמאַכט ניט זיכערע טריט נאָך דעם קאָמיסאַר, אָבער די איבעריקע האָבן אָנגעהויבן שרייען אויף זיי און די פּחדנים האָבן זיך צוריקגעקערט, נאָך דעם האָבן זיך אַנדערע געלאָזט גיין און ווידער זיך אומגעקערט. דער קאָמיסאַר מיט די פאָר מקורבים זײַנען געגאַנגען אַליין און האָבן אַפילו זיך ניט אומגעקוקט.

אויף מאָרגן פרי האָב איך געפונען אַ מעקלער, וואָס האָט פאַר אַ גוטער באַלוינונג געקראָגן פאַר מיר אַ פורל, אַגב האָט דער קאָמיסאַר גאַראַנטירט, אַז ער וועט ניט רעקווירירן דעם פערד, וואָס איך וועל פאַר זיך קריגן. ער האָט דאָס געטאָן ניט אַזוי פון גוטסקייט, ווי צוליב דעם, וואָס ער האָט געדאַרפט שיקן אין שטאַב צוויי אַרעסטירטע צום אויספאָרשן.

אייגנטלעך, האָב ניט איך און ניט מײַן חבר ניט געדאַרפט פאָרן אין דעם שטעטל, וואו דער שטאַב איז געשטאַנען, און מיר וואָלטן געדאַרפט אָנלייגן אַ סך וועג, אָבער דער קאָמיסאַר האָט זיך אײַנגעשפּאַרט, אַז מיר מוזן פאָרן נאָר דורך דעם וועג און אַזוי האָבן מיר זאַלבע=ערט מיט אַ סאָלדאַט געלאָזט זיך אין דער רייזע. בעת מיר זײַנען געקומען אין שטאַב—האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פּאַפּיר איז אַזוי מוסטערהאַפט אָנגעשריבן—אַז קיינער האָט ניט געוואוסט, ווער פון אונז פיר איז אַרעסטירט און ווער איז פריי. ערשט נאָך גרויס מי איז אונז געלונגען צו באַווייזן, אַז ניט אונז האָט געהאַט אין זינען דער פּסוק, וועלכער האָט גערעדט וועגן צוויי אַרעסטירטע.

אין אָלקעניקי, וואו דער שטאַב איז געשטאַנען, האָט מען אונז מכבד געווען מיט אַ לייכטער רעוויזיע, וועלכע עס האָט געמאַכט דער קאָמענדאַנט אַליין, אַ יונג אָפיצירל פון אַלטן שטייגער מיט נײַע ווערטער. ווען ער האָט אָבער באַמערקט צווישן אונזערע שפּײַז=פּעקלעך אַ ביסל טרוקענע פלוימען, מיט וועלכע מיר האָבן געוואָלט מכבד זײַן אונזערע שטוביקע לכבוד פּסח, האָט זיך בײַ אים אַזוי צוברענט דער יצר=הרע, אַז ער האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און האָט געבעטן דעם כּיבוד, וואָס איך האָב צוגעזאָגט צו ערפילן באַלד, ווי איך וועל באַקומען אַן אָרט צום נעכטיקן. אין אָוונט, ווען איך מיט מײַן חבר האָבן זיך שוין געלייגט שלאָפן, איז געקומען אַ רויטער אַרמייער—אַ שליח פון קאָמענדאַנט און געבעטן בײַ מיר די פלוימען. איך וואָלט מיט

אַ פאַרגעניגן דאָס אים אַוועקגעגעבן, אָבער צום אומגליק האָב איך פאַרלאָרן דעם שליסל פון טשעמאָדאַן. איך האָב געפּרובט אָפּציען ביז מאָרגן, אָבער דער שליח האָט מיר על פּי־סוד פאַרטרויט, אַז ביי דעם קאָמענדאַנט זיצן פריילנס און ער וויל זיי מכבד זיין מיט אַזאַ זעלטנהייט אין ראַטן־רוסלאַנד, ווי פלוימען. ביי אַזאַ לאַגע האָב איך געמוזט אַראָפּקריכן פון בעט און פּרובן עפענען דעם טשעמאָדאַן. אָבער ווי אויף להכעיס, האָט זיך דער טשעמאָדאַן בשום־אופן ניט געלאָזט עפענען — מיין חבר איז אויך אַראָפּ פון בעט מיר העלפן ברעכן דעם שלאָס, אָבער עס איז ניט געגאַנגען. דער סאָלדאַט האָט געבראַכט אַ האַק, דערנאָך איז געקומען אונז העלפן דעם בעל־הבית טאָכטער, אָבער אונזער מי איז אַלץ געווען אומזיסט.

אַ פאַרמאַטערטער פון וועג און אַ פאַרשלאָפענער, האָב איך דאָך געפלייסט זיך מיט אַלע כוחות צו עפענען דעם טשעמאָדאַן, ווארים איך האָב געוואוסט גאַנץ גוט, אַז אָן דעם קאָמענדאַנטס הילף, וועל איך קיין פערד בשום־אופן ניט קאָנען באַקומען, אָבער מיר האָבן גאָרנישט געקענט מאַכן מיט דעם אַיינגעשפאַרטן שלאָס.

אויף מאָרגן האָב איך דאָך די פלוימען אַרויסבאַקומען פון טשעמאָדאַן און אַוועקגעטראָגן דעם קאָמענדאַנט. ער איז אָבער געווען ברוגז און האָט מיר ניט געוואָלט העלפן צו באַקומען אַ פערד. אין שטאַב אויפן הויף זיינען געשטאַנען אַ סך פערד, וועלכע האָבן געוואַרט, טאָמער וועט מען ערגעץ דאַרפן לויפן.

דער קאָמענדאַנט האָט אין זיין קאַנצעלאַריע, וואָס האָט זיך געפונען אין צוגעבויטן בנין פון אַ קאָסציאָל, פון וואַנען עס האָבן זיך געטראָגן די קלאַנגען פון די תפילות און אָרגל, געשריען און געליאַרימט, איבערהויפּט אויף די פויערים, וואָס האָבן זיך געבעטן, מען זאָל זיי אָפּלאָזן אַהיים מיט זייערע פערד; און אין אַ לאַנד, וואָס האָט אָפיציעל געטראָגן דעם נאָמען ליטווישע ראַטנרעפּובליק, האָט דער קאָמענדאַנט געשריען צו די ליטווישע פויערים, וועלכע האָבן גערעדט נאָר ליטוויש, פאַרוואָס זיי האָבן זיך ניט אויסגעלערנט צו ריידן רוסיש.

עס איז געווען פרייטאָג, יידן האָבן בשום אופן ניט געוואָלט פאָרן קיין ווילנע, און קיין אַנדערע פורן איז אויך ניט געווען מעגלעך צו באַקומען. נאָך לאַנגע מי און לויפעניש האָט מען מיר דאָך ערלויבט צו נעמען אַ פור פון די, וואָס זיינען שוין גאַנץ לאַנג געשטאַנען אויפן הויף פון שטאַב. דער פויער, וואָס האָט דערהערט די בשורה, אַז ער איז פריי אַוועקצופאָרן, האָט זיך אַזוי דערפרייט, אַז ער האָט אפילו ניט געוואוסט, וויפיל געלט צו בעטן פאַר אַ נסיעה פון אָלקעניקי ביז ווילנע. אַפריער האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט מיט דער ציפער 100, באַלד אָבער האָט ער חרטה געהאַט און געבעטן 150 און מיט עטלעכע מינוט שפּעטער שוין 200. איך האָב אויף אַלץ מסכים געווען, אַבי נאָר אַרויסכאַפּן זיך פון שטעטל.

דער פערד איז געווען אַזאַ נבלה, אַז אָנשטאָט 4—5 שעה זיינען מיר געפאָרן אַרום 20 שעה און אייגנטלעך זיינען מיר ניט געפאָרן, נאָר געגאַנגען. אָפּגעפאָרן אַ גאַנצן טאָג און אַריינגעפאָרן אַ שטיק אין דער נאַכט, האָבן מיר שוין געוואָלט איבערנעכטיקן ערגעץ־וואו, אָבער אין קיין הויז אונטערוועגנס, סיי אַ יידיש און סיי אַ קריסטלעך, האָט מען אונז ניט געוואָלט אַריינלאָזן. מיר האָבן געפּרובט קלאַפּן מיט אַלע כוחות, אָבער קיינער האָט ניט געענטפערט, אַזוי ווי אין שטוב זיינען אַלע אויסגעשטאָרבן. ווארים די איינוואוינער האָבן ביינאַכט פּשוט מורא געהאַט צו עפענען די טירן, צוליב די אָפטע רויבערייען און אָנפאַלן.

דערפראָרענע און מידע, האָבן מיר זיך דערשלעפּט שפּעט ביינאַכט קיין ווילנע און מיט גרויס מי באַקומען אַ נומער אין אַ גאַסטהויז, ווארים די האָטעלן, ווי אין אַלע ראַטן־שטעט, זיינען שוין געווען רעקווירירט.



מ. פּיפּס.

# 10 נאָוועמבער 1918 — 19 אַפּריל 1919 אין ווילנע.

## I. נאָך דער דייטשער רעוואָלוציע.

זייער שווער האָט זיך געלעבט די אײַנוואוינער פון ליטע אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. די זיגער האָבן ברוטאַל באַהאַנדלט די באַפעלקערונג פון די שטעט און דערפער. אַלץ, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט, האָבן זיי צוגענומען. די מענטשן זײַנען געזעסן אָן ברויט, אָן פייער, אין קעלט—און לאַנגע צוגן האָבן אַרויסגעפירט פון ליטע לעבנסמיטלען און פּראָדוקטן. דאָס לעבן איז געווען רעגלאַמענטירט אין יעדער קלייניקייט, די באַוועגונגס־פרייהייט צוגענומען, דאָס לאַנד צעטיילט אין קליינע קרייזן און אויף אַריבערפאָרן פון איין קרייז אין צווייטן האָט מען געדאַרפט אַ ספּעציעלן רייזע־שײַן. די דאָרפישע באַפעלקערונג איז טראַקטירט געוואָרן דורך די דייטשן ווי בהמות. דער אַמטספאָרשטייער און דער זשאַנדאַרם זײַנען געווען אַלמאַכטיק. אַקעגנשטעלן זיך איז ניט געווען קיין מעגלעכקייט, בלויז ערגעץ־וואו אַ געהרגעטער זשאַנדאַרם אין אַ דאָרף האָט באַוויזן דעם פּראָטעסט פון פאָלק, וואָס איז דערפירט געוואָרן צו פאַרצווייפלונג. טעמפּע גאווה, אכזריות פון איין זייט, מאַכטלאָזער כעס,—און עקלהאַפטע חניפה פון דער אַנדערער—דאָס איז געווען די דייטשע אָקופּאַציע אין ליטע פון 1915—1918.

נידער מיט דער אָקופּאַציע—איז געווען דער אײַנמוטיקער לאָזונג פון אַלע שיכטן און גרופּן,—אחוץ אַ קליינער צאָל מלחמה־גבירים, וואָס האָבן אָנגעלעבט גרויסע פאַרמעגנס אויפן חשבון פון הונגער און נויט,—הגם יעדע פון די דאָזיקע גרופּן האָט זיך גאַנץ פאַרשיידן פאָרגעשטעלט דעם קומענדיקן גורל פון לאַנד.

ענדלעך איז געקומען די דייטשע רעוואָלוציע, וועלכע האָט אַרויסגערופן אַ ווידערקלאַנג אויך אין דער אָקופּירטער ליטע, הגם גאָר אין אייגנאַרטיקע פאָרמען, צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון אַ לאַנד, וואָס געפינט זיך אונטער אַ מיליטערישער אָקופּאַציע.

זונטאָג דעם 10 נאָוועמבער 1918 האָט דער דייטשער גאַרניזאָן אין ווילנע געמאַכט זײַן רעוואָלוציע. אָנגעהויבן זי האָבן די סאָלדאַטן אויף דער אײַזנבאַן מיט אַ דעמאָנסטראַציע מיט מוזיק און רויטע פאָנעס; צו זיי זײַנען באַלד צוגעשטאַנען אויך אַנדערע טיילן פון ווילנער גאַרניזאָן. די דעמאָנסטראַנטן האָבן מאַרשירט דורך אָסטראָבראָם און ברייטער גאַס צו געאָרג־פּראָספּעקט, וואו ס'האָט זיך געפונען די מיליטערישע פאַרוואַלטונג. אויף דער פאָדערונג פון די דעמאָנסטראַנטן איז אַראָפּגענומען געוואָרן די דייטשע קייזערלעכע פאָן, וואָס איז געהאַנגען איבערן בנין פון דער פאַרוואַלטונג. דערנאָך איז די דעמאָנסטראַציע אַוועק אויף אַנטאָקאָל צו דער מיליטערישער טורמע און באַפרייט די אַרעסטירטע סאָלדאַטן. די דעמאָנסטראַנטן האָבן זיך נאָך אָפּגעשטעלט בײַ דער אייבערקאָמאַנדע פון דער 10־טער אַרמיי, וואָס האָט זיך געפונען לעבן „טעליאַטניק", אויסגעהערט אַ דרשה פון אַ מאַיאָר, וועלכער האָט גערופן די סאָלדאַטן צו האַלטן זיך רואיק, און דאַן אין געשלאָסענע רייען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין די קאַזאַרמעס.



אויף מאָרגן איז אין דער „Wilnaer Zeitung" ערשינען אַן אויפרוף פון ווילנער סאָלדאַטנראַט בזה הלשון:

„חברים! מיר האָבן היינט אינדערפרי דערגרייכט אונזער ציל. דער מיליטערישער גובערנאַטאָר פון ליטע האָט ערקלערט זײַן גרייטשאַפט צו אָנערקענען דעם סאָלדאַטנראַט, וואָס מיר האָבן געגרינדעט. וועגן דעם אופן און שטייגער, ווי אַזוי די גובערנאַטאָרשאַפט זאָל אַרבעטן צוזאַמען מיט דעם סאָלדאַטנראַט, וועלן מיר היינט באַשליסן און פאָרלייגן דעם גובערנאַטאָר אונזערע פאָדערונגען. דער עיקר איז, אַז וואָס עס זאָל ניט געשען, זאָלן מיר דערהאַלטן די אָרדענונג, זיך ניט לאָזן פאַרפירן צו פּאָגראָמען און עקסצעסן; וואָרים אַגיט שטייט אין קאָן דער גלענצנדער ערפאָלג פון אונזער אונטערנעמונג. מיר מוזן האָבן אין זינען, אַז מיר זײַנען אין אַ פיינדלעכן לאַנד. דעריבער: אָרדענונג! רו! צוטרוי!

ווילנע, דעם 10 נאָוועמבער 1918. דער סאָלדאַטנראַט, פ ר אַ נ ק ע נ ב ע ר ג".

פון דעם דאָזיקן אויפרוף איז צו זען, אַז דער אויפשטאַנד פון דייטשן גאַרניזאָן אין ווילנע איז געווען אַ אינווייניקסטע, ריין־מיליטערישע אונטערנעמונג, וואָס האָט געדאַרפט פאַרלייכטערן די דייטשע סאָלדאַטן דעם אָפּפאָר אַהיים און האָט ניט געדאַרפט מיטברענגען מיט זיך קיין שום אַנדערע קאָנסעקווענצן פאַר דער באַפעלקערונג בכלל, וואָס די ווייטערדיקע געשעענישן האָבן בולט באַוויזן.

די אײַנוואוינער פון ווילנע האָבן מיט פרייד און התלהבות באַגריסט די דעמאָנסטראַנטן. זיי זײַנען גרייט געווען צו פאַרגעסן די אַלע עוולות און באַליידיקונגען, וואָס דיזעלביקע לייט האָבן זיי אָנגעטאָן אין משך פון די שווערע יאָרן פון דער אָקופּאַציע. די אַרבעטער האָבן זיך גלייך אויסגעפּוצט אין רויטע שלייפלעך, בײַ דער קיך פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע אויף ברייטע 56 האָט זיך געבילדעט אַ גאַסן־מיטינג און פון באַלקאָן האָבן חברים אַראָפּגערעדט צום פאַרזאַמלטן עולם וועגן איצטיקן מאָמענט און וועגן די גראַנדיאָזע אויפגאַבן, וואָס שטייען פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס אין פאַרבינדונג מיט דער נייער סיטואַציע. אָבער שוין דעם אייגענעם טאָג איז געקומען די ערשטע אַנטוישונג:

אינאָוונט האָט די ווילנער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" צונויפגערופן אַ מיטינג אין אײַזנבאַן־קרייזל, אויף וואָראָניע 5. ס'האָט זיך צונויפגעקליבן אַן עולם פון עטלעכע טויזנט מענטשן. דער מיטינג האָט אָבער ניט געקענט פאָרקומען צוליבן פאַרבאָט פון די דייטשן. ס'איז קלאָר געווען, אַז די דייטשן ווילן מאַכן שבת פאַר זיך.

זיי האָבן איבערגעלאָזט אויף ווייטער די צענזור (נאָך אין די ערשטע נומערן פון דער בונדישער טעגלעכער צייטונג „אונזער שטימע", וואָס האָט אָנגעהויבן צו ערשיינען אָנהייב דעצעמבער, האָט מען געקענט זען גרויסע ווייסע בלויזן—די שטיקער אויסגעמעקטע פון דער דייטשער צענזור—און ערשט דעם 18־טן דעצעמבער, נאָכן באַשלוס פון פּרעזידיום פון ווילנער אַרבעטער־ראַט, פון 17־טן, אַז די צענזור איז אָפּגעשאַפט, איז „אונזער שטימע" ערשינען מיט אַ מעלדונג פון דער רעדאַקציע, אַז „דעם

היינטיקן נומער האָבן מיר אין צענזור ניט געשיקט"), ניט געאײַלט זיך באַפרייען די פּאָליטישע אַרעסטירטע, אינטענסיוו אַרויסגעפירט פון ליטע דעם באַן-מאַטעריאַל און די זאַפּאַסן לעבנסמיטלען.

אויף מאָרגן נאָך דער רעוואָלוציע אין ווילנע האָט מען שוין קיין רויטע שלייפלעך אין די לאַצן ניט געזען, דער יום-טוב איז געווען אויס, אָבער דער אײַזערנער דײַטשער רעזשים האָט געפּלאַצט. די געזעלשאַפטלעכע כּוחות, געדריקט און געשטיקט דורך די אָקופּאַנטן, פאַרטריבן אונטער דער ערד, זײַנען אַרויס אויף דער ווייסער וועלט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבעדיקע טעטיקייט אין די פאַרשיידנסטע פּאַרטייען און געזעלשאַפטן. אַלע און אַלץ האָט זיך אָרגאַניזירט. אַלטע אויסגעפּרובטע קעמפער האָבן פונאַנדערגעוויקלט די באַהאַלטענע פאָנעס, אָפּגעשטאַנענע האָבן זיך ווידער געשטעלט אין די רייען, פאַר אַרבעט און איניציאַטיווע האָבן זיך געעפנט ברייטע האָריזאָנטן. אָבער דיווירקלעכקייט האָט ניט איין דרייסטן חלום צעטראָטן.

די אַרבעטער האָבן געשפּילט די ערשטע פידל אין דער דער דאָזיקער געזעלשאַפטלעכער אויפלעבונג נאָך דער דײַטשער רעוואָלוציע און בײַ יעדן ענין, וואָס איז געשטאַנען אויפן סדר-היום, האָט זיך גלײַך געשטעלט די פראַגע, וואָס וועלן זאָגן די אַרבעטער. אַזוי, למשל, איז געווען מיט דער שטאָטפאַרוואַלטונג, וואָס די דײַטשן האָבן פאָרגעלייגט צו שאַפן, כּדי איבערצונעמען די שטאָטישע ווירטשאַפט, און וועלכע איז ניט צושטאַנד-געקומען צוליבן אָפּזאָג פון די אַרבעטער-פּאַרטייען מיטצואַרבעטן מיט די בירגערלעכע עלעמענטן.

ווער וועט איבערנעמען די מאַכט נאָך די דײַטשן? — דאָס איז געווען די פראַגע, וועלכע האָט געעקבערט אַלעמען. מצד אַ טייל אַרבעטער-פּאַרטייען איז דאַן געמאַכט געוואָרן אַ פּרוב צו שאַפן אַ קאָאַליציאָנעלע סאָציאַליסטישע רעגירונג. דער דאָזיקער פּרוב איז אָבער לכתּחילה פאַרמשפּט געווען אויף אַ דורכפאַל צוליב דער אָפּאָזיציע פון די קאָמוניסטן און אַ טייל מיטגלידער אין די פּאַרטייען גופא, אין וועלכע ס'האָבן זיך שוין דאַן געלאָזט מערקן טיפע חלוקי-דעות וועגן דער ווייטערדיקער טאַקטיק.

ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די וואַלן צום אַרבעטער-ראַט, וועלכער האָט געדאַרפט ווערן די קראַפט, וואָס זאָל ריידן מיט די דײַטשן ווי אַ גלײַכער מיט אַ גלײַכן און געדאַרפט פועלן מיט כּוח דאָס, וואָס דער אָקופּאַנט האָט ניט געוואָלט געבן פרײַוויליק. די וואַלן צום אַרבעטער-ראַט האָבן גלײַך פאַרנומען דעם ערשטן אָרט אויף די אַלע פאַרזאַמלונגען און מיטינגען פון די אַרבעטער-פּאַרטייען אין ווילנע. אַרום די וואַלן האָט זיך געפירט אַ גרויסער קאַמף, דער עיקר צווישן די קאָמוניסטן און די איבעריקע פּאַרטייען, וועלכע האָבן נאָך דאַן געפּרובט פירן אַן אייגענע פּאָליטיק און זיך קעגנשטעלן דער דיקטאַטור פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

זונטאָג, דעם 15-טן דעצעמבער 1918, האָט דער אַרבעטער-ראַט אָפּגעהאַלטן זײַן ערשטע פײַערלעכע זיצונג אין שטאָטזאַל. דער זאַל איז געווען איבערגעפּאַקט. אויף דער טריבונע און אין זאַל זײַנען געווען אויסגעהאַנגען פאָנעס פון אַלע היגע אַרבעטער-פּאַרטייען. די שטימונג איז געווען פײַערלעך. הגם די קאָמוניסטן זײַנען געווען בלויז די גרעסטע פּאַרטיי, אָבער ניט אין דער מערהייט, האָבן זיי, גלײַך איבערגענומען די אָנפירנדיקע ראָלע אין ראַט און אויף דער דאָזיקער זיצונג האָט זיך דער אַרבעטער-ראַט ערקלערט אַלס די איינציקע רעגירונגס-מאַכט אין ליטע. ס'איז אויך באַשטימט געוואָרן צו שאַפן אַ סאָוועטישע מיליציע.

אויף דער ערשטער זיצונג פון ווילנער אַרבעטער-ראַט זײַנען אויך אַרויסגעטראָטן מיט באַגריסונגען פאָרשטייער פון סאָלדאַטנראַט און ראַט פון די דײַטשע אײַזנבאַנער און צוגעזאָגט אַנטקעגנצוקומען די פאָדערונגען פון די אַרבעטער.

אויף מאָרגן דעם 16-טן דעצעמבער איז געווען דער איינטאָגיקער אַלגעמיינער שטרייק און דעמאָנסטראַציע. דאָס איז געווען אייגנטלעך נאָר אַ פּראָבע, ווען דער ווילנער אַרבעטער-קלאַס האָט געציילט זײַנע כּוחות און פאַרמאָסטן זיך צום ווײַטערדיקן קאַמף. טויזנטער אַרבעטער האָבן מיט רויטע פאָנעס דעמאָנסטרירט איבער די גאַסן. ס'איז געווען אַן אמתער יום-טוב. עפּעס אַן אָרימער מענטש האָט פון אַ פענסטער אין הויז אויפן ראָג זאַוואַלנע און סטעפּנגאַס, וואו ס'איז געווען די שוואַרצע בירזשע, געשריען „דאָלאָי בירזשו!“ און פיל האָבן מיט התלהבות איבערגעחזרט דעם דאָזיקן רוף. אַלעמען האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עס הייבט זיך אָן אַ נײַ לעבן.

סוף 1918 זײַנען די האָפענונגען געווען יונג און העל און זומערדיקע ווינטן האָבן געבלאָזן אין האַרצן. פון איין זײַט דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד, וואָס האָט באַוויזן וואונדער אין קאַמף מיט אָנצאָליקע שונאים, פון דער אַנדער זײַט — דײַטשלאַנד, אַרומגענומען פון דער רעוואָלוציע. די לאָזונגען פון גלײַכהייט, ברידערלעכקייט און פרײַהייט זײַנען געווען נײַ און מיט אינהאַלט. און די מענטשן, אויסגעמאַטערט פון יאָרן ליידן און דערנידעריקונגען, האָבן מאַרשירט אין געשלאָסענע רייען, זיך האַלטנדיק פאַר די הענט, וואַרים צוגעדריקט איינער צום צווייטן און מיט ליבע געקוקט אויף די שטאָלצע אויפשריפטן אויף די פאָנעס, וואָס האָבן דראָענדיק און צוזאָגנדיק געפלאַטערט אין דער לופטן.

דער פּראָטעסט-שטרייק האָט געמאַכט אויף די דײַטשן אַ שטאַרקן אײַנדרוק. זיי האָבן פּלוצלונג דערזען, אַז אָט די דערשלאָגענע, גרויע מאַסע, וואָס האָט אָן טענות ומענות געפאָלגט אַלע באַפעלן, געגאַנגען אויף צוואַנגס-אַרבעט און אויסגעגאַנגען פון הונגער, האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָט זיך אָרגאַניזירט, האָט אָנגעהויבן פּראָטעסטירן און פאָדערן.

עס איז אָבער נייטיק געווען אַ צווייטע שאַרפע התראה, כּדי די דײַטשן זאָלן ענדלעך זיך אָנהייבן רעכענען מיט די פאָדערונגען פון דער ווילנער אַרבעטערשאַפט.

מיטוואָך, דעם 18 דעצעמבער, האָט זיך אויף די גאַסן באַוויזן פאָלגנדיקע מעלדונג פון פּרעזידיום פון ווילנער אַרבעטער-ראַט:

ערפילנדיק דעם ווילן פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון ווילנער ראַט פון 15-טן דעצעמבער, אַז די מאַכט גייט אַריבער אין די הענט פון ראַט, גיט דער פּרעזידיום פון ראַט דערמיט צו וויסן, אַז פון היינט אָן איז דער ראַט די איינציקע באַפולמעכטיקטע מאַכט, וועלכער די גאַנצע באַפעלקערונג דאַרף זיך אָן שום טענות אונטערוואַרפן. אַלע באַפעלן, פאַראָרדענונגען און באַשטימונגען פון ראַט זײַנען אָבליגאַטאָריש פאַר אַלעמען.

פאָרזיצער: איידוקעוויטש; סעקרעטאַר: שימעלעוויטש (רייסין).

די דאָזיקע מעלדונג האָט אַרײַנגעבראַכט אין גרויס גרימצאָרן די דײַטשן, בפרט נאָך ווען דער ראַט האָט געשיקט זײַנע פאָרשטייער אויפן באַן צו קאָנטראָלירן די קאָמוניקאַציע. דאַן האָבן די דײַטשן אַרעסטירט 40 אײַזנבאַן-אַרבעטער, צווישן זיי אויך מיטגלידער פון ראַט, וועלכע האָבן זיך קעגנגעשטעלט דעם אַרויספירן פון לאָקאָמאָטיוון און מאַשינען.

אויף דער צווייטער זיצונג פון אַרבעטער-ראַט, דעם 22-סטן דעצעמבער, איז באַשלאָסן געוואָרן די אונטערהאַנדלונגען מיטן סאָלדאַטנראַט איבערצורייסן און צו פּראָקלאַמירן אַן אַלגעמיינעם פּאָליטישן שטרייק, אויב די אַרעסטירטע וועלן תּיכּף ניט באַפרײַט ווערן און עס וועלן ניט באַפרידיקט ווערן די פאָדערונגען פון די אײַזנבאַנער.

דינסטאָג, דעם 24-סטן דעצעמבער, האָט זיך אָנגעהויבן דער

אַלגעמיינער פּאָליטישער שטרייק. דאָס לעבן אין שטאָט האָט זיך אָפּגעשטעלט. ס׳האָבן פאַרשטרייקט די עלעקטרישע סטאַנציע, וואַסערלייטונג א. אַז. וו. ס׳האָט זיך אָפּגעשטעלט די באַוועגונג אויף דער אַייזנבאַן. דעם אייגענעם טאָג אינדערפרי זיינען פאָרשטייער פון סאָלדאַטנראַט געקומען אין פּרעזידיום פון אַרבעטער־ראַט פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן ליקווידירן דעם שטרייק. זיי זיינען אָבער ניט אָנגענומען געוואָרן מיטן מאָטיוו, אַז כּל־זמן די אַרעסטירטע געפינען זיך אין טורמע, פירט ניט דער פּרעזידיום קיין שום אונטערהאַנדלונגען. אין אָוונט זיינען די פאָרשטייער פון סאָלדאַטנראַט ווידער געקומען, דאָס מאָל שוין מיט אַ פאָרשלאָג צו שיקן אַ קאָמיסיע פון אַרבעטער־ראַט צו באַפרייען די אַרעסטירטע. 10 אינאָוונט איז די קאָמיסיע אַוועק אין לוקישקער טורמע. דער פּרעזידיום פון אַרבעטער־ראַט האָט תּיכּף פאַראָרדנט צו געבן ליכט און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס באַפרייען די אַרעסטירטע. אַחוץ די אַייזנבאַנער זיינען אויך באַפרייט געוואָרן אַנדערע פּאָליטישע אַרעסטירטע, ווי אויך אַנטלאָפענע רוסישע געפאַנגענע, וואָס האָבן זיך געפונען אין לוקישקער טורמע. דער שטרייק האָט זיך אָבער נאָך געפירט, אַחוץ אויף דער עלעקטרישער סטאַנציע, אויך אויף מאָרגן, דעם 25־סטן דעצעמבער, צוליבן אָפּזאָג פון די דייטשן נאָכצוגעבן די איבעריקע פאָדערונגען פון אַרבעטער־ראַט, און מיטוואָך, האַלב 6 אינאָוונט, האָט די עלעקטרישע סטאַנציע, לויטן באַפעל פון ראַט, ווידער פאַרשטרייקט. עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז דער סאָלדאַטנראַט זאָל מיט מיליטערישע מיטלען צווינגען דעם אַרבעטער־ראַט צו פאַרקלענערן זיינע פאָדערונגען. אָבער אַדאַנק דער אינטערווענץ פון אַ פאַרטרעטער פון דער סאָוועטישער רעגירונג איז מען געקומען צו אַן אויסגלייך און מיטוואָך, האַלב 10 אינאָוונט איז דער שטרייק געווען פאַרענדיקט.

אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן איז די צענטראַלע פראַגע דאַן געווען — די וואַלן צו דער ערשטער דעמאָקראַטישער קהילה, וועלכע זיינען פאָרגעקומען דעם 24־סטן, 25־סטן און 26־סטן דעצעמבער 1918 ביי אַ גרויסער פאַראינטערעסירונג מצד דער יידישער באַפעלקערונג. פון די פּאַרטייען האָבן אַ באַזונדערס שטאַרקע אַגיטאַציע אַנטוויקלט דער „בונד" און די ציוניסטן. די איבעריקע גרופּירונגען זיינען אָפּגערוקט געוואָרן אָן אַ זייט. ס׳האָט זיך געפילט, אַז דער קאַמף קומט פאָר נאָר צווישן צעטל נומ׳ 5 (בונד) און צעטל נומ׳ 6 (ציוניסטן). דער קאַמף איז געפירט געוואָרן מיט גרויס היץ און ליידנשאַפט. ביי די וואַל־ביוראָען, אַפילו אינאָוונט, האָט מען אָפט געקענט זען קופּקעלעך מענטשן, וואָס פלעגן אַרומרינגלען די אַגיטאַטאָרן, מערסטנטייל אַ בונדיסט און אַ ציוניסט, וועלכע האָבן געוואָלט איבערצייגן איינער דעם אַנדערן און דעם עולם, אַז זיין פּראָגראַם איז די שענסטע און די בעסטע און אַז נאָר פאַר זיין צעטל מוזן אַלע שטימען. אין רעזולטאַט פון די קהילה־וואַלן זיינען טאַקע דער „בונד" און די ציוניסטן (צוזאַמען מיט די צעירי־ציון) געווען שטאַרקער פון אַלעמען פאַרטראָטן, צו 24 דעפּוטאַטן (די איבעריקע פּאַרטייען האָבן באַקומען לפי־ערך אַ קליינע צאָל ערטער). דער ניי־אויסגעוויילטער קהילה איז אָבער ניט באַשערט געווען לאַנג צו אַרבעטן. מיטוואָך, דעם 1־טן יאַנואַר 1919 איז פאָרגעקומען די ערשטע געשלאָסענע זיצונג פון דער קהילה, אויף וועלכער אַ פאָרשטייער פון די לינקע פראַקציעס: „בונד", „פאַראייניקטע" און „פּועלי־ציון", האָט געמאָלדן, אַז „אין דער צייט, ווען אונטער ווילנע גיסט זיך אַרבעטער־בלוט אין קאַמף קעגן די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע באַנדעס, וואָס די ה״ה וויגאָדסקיס און זיין חברה העלפן אָרגאַניזירן — קענען מיר זיך אַפילו אויף איין מינוט ניט געפינען צוזאַמען מיט די אויבנדערמאָנטע הערן אויף אַ געהיימער זיצונג און מיר פאַרלאָזן דעם זאַל". גלייך נאָכדעם האָבן די לינקע פאַרלאָזן דעם זאַל. נאָכן אַריינגיין פון די באָלשעוויקעס זיינען די לינקע אינגאַנצן אַרויסגעטראָטן פון דער קהילה און די קהילה אַלס גאַנצע האָט אויפגעהערט צו עקסיסטירן. פאַר דעם משך צייט פון דער ערשטער ראַטנמאַכט האָט געאַרבעט בלויז די אַזוי גערופענע קאָלעגיע ביי דער קהילה, וועלכע האָט זיך דער עיקר פאַרנומען מיט פילאַנטראָפּישער אַרבעט.

דערווייל איז די לאַגע אין שטאָט געוואָרן קריטיש. די דייטשן האָבן שוין כּמעט ווי פאַרלאָזן ווילנע און קיין אַנדער פעסטע מאַכט איז נאָך ניט געשאַפן געוואָרן. די ליטווישע טאַריבע האָט געבילדעט אַ רעגירונג, צעשיקט אויפרופן, אָבער זי האָט ניט געהאַט ניט קיין מיליטער, ניט קיין באַדייטנדע באַפעלקערונגס־גרופּע אויף וועמען זיך צו שטיצן. דער אַרבעטער־ראַט האָט געהאַט די סימפּאַטיעס פון דער באַפעלקערונג, די אונטערשטיצונג פון דער רויטער אַרמיי, וואָס האָט מאַרשירט אויף ווילנע, ער האָט אָבער ניט באַוויזן ווי געהעריק צו אָרגאַניזירן די פאַרטיידיקונג פון דער שטאָט. דאָס אַלץ האָט פאַרלייכטערט די ווילנער פּאָליאַקן, וואָס האָבן שוין פון לאַנג זיך געגרייט און אָרגאַניזירט, צו פאַרכאַפּן די מאַכט. די פּוילישע ממשלה האָט אַפילו ניט לאַנג געדויערט, סך־הכּל אַ 5 טעג, האָט אָבער געקאָסט דער יידישער באַפעלקערונג פיל שרעק און דער ווילנער אַרבעטערשאַפט 7 יונגע לעבנס, וואָס זיינען געפאַלן אַלס קרבן פון לייכטזיניקער פאַרשווערונג פון איין זייט און פאַרברעכערישן לייכטזין פון דער אַנדער זייט.

מיטוואָך אינאָוונט, דעם 1־טן יאַנואַר 1919, האָבן זיך אויף די ווילנער גאַסן באַוויזן פּוילישע לעגיאָנערן אין מיליטערישער און ציווילער קליידונג. אויף די גאַסן האָבן זיך באַוויזן אויפרופן פון גענעראַל־מאַיאָר מאָקשעצקי (אַ ברודער פון דעם גענעראַל מאָקשעצקי, וואָס איז שפּעטער, אין יאָר 1921, געווען פאָרזיצער פון דער צייטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע פון „מיטל־ליטע"), אין וועלכע ער גיט צו וויסן, אַז לויטן באַפעל פון אָנפירער פון מיליטער־ראַיאָן נעמט ער איבער די קאָמאַנדע איבער ווילנע. די באַפעלקערונג איז אויפגעפאָדערט געוואָרן אין משך פון 3 טעג אָפּצוגעבן דאָס געווער. אַ פאָדערונג אַרויסצוגעבן דאָס געווער האָט אויך באַקומען דער אַרבעטער־ראַט, וואָס האָט זיך געפונען אויף וואָרניע 5. דער אַרבעטער־ראַט האָט ניט געפאָלגט, דאַן האָבן די לעגיאָנערן באַלאַגערט דעם בנין אויף וואָרניע 5 און צווישן אַרבעטער־ראַט און די לעגיאָנערן האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאָרמעלע מלחמה. די גאַנצע שטאָט האָט מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם זיך צוגעקוקט צום דאָזיקן קאַמף. דער אַרבעטער־ראַט האָט אָבער פון ערגעץ קיין הילף ניט באַקומען און נאָך אַ איינטאָגיקן קאַמף האָט ער זיך געמוזט אונטערגעבן. דערביי האָבן 5 מיטגלידער, מיט דעם קאָמוניסט יהודה שימעלעוויטש בראש, וואָס האָבן ניט געוואָלט אַריינפאַלן צו די לעגיאָנערן אין די הענט, זיך גענומען דאָס לעבן. עס זיינען אַרעסטירט געוואָרן אַ מאַן 70, דערהויפּט סאָוועטישע מיליציאָנערן, וואָס האָבן זיך דאַן געפונען אין ראַט.

זונטאָג, דעם 5־טן יאַנואַר שוין ביים סאַמע אָפּטרעטן פון ווילנע, האָבן די לעגיאָנערן דערשאָסן דעם האַנדלסאָנגעשטעלטן, מיטגליד פון דער ווילנער בונדישער אָרגאַניזאַציע, דאַכאָווקער און דעם קריגסגעפאַנגענעם גוטמאַן.

ניט לאַנג אָבער האָבן די לעגיאָנערן געפייערט זייער נצחון. אין דער צייט, ווען אין ווילנע האָבן זיך אָפּגעשפּילט די אַלע געשעענישן, איז די רויטע אַרמיי, פאַרנעמענדיק אַלץ נעענטער די טעריטאָריעס, וואָס די דייטשן האָבן בהדרגה אָפּגערייניקט, זיך עוואַקואירנדיק קיין דייטשלאַנד, שוין געשטאַנען האַרט ביי ווילנע און יעדע שעה האָט זי געדאַרפט פאַרנעמען די שטאָט.

---

# II. די באָלשעוויקעס אין ווילנע.

זונטאָג אין אָוונט, דעם 5=טן יאַנואַר 1919, האָט די רויטע אַרמיי כמעט אָן אַ ווידערשטאַנד פאַרנומען ווילנע. די באַפעלקערונג, צעשראָקן פון די לעצטע געשעענישן און אגב צוליבן באַפעל פון געג. מאָקשעצקי 6 אַ זייגער אומבאַדינגט צו פאַרשליסן אַלע טויערן און טירן, האָט זיך פרי פאַרשלאָסן אין די הייזער און זעלטן ווער פון די ווילנער אײַנוואוינער האָט געוואוסט, אַז אין דער נאַכט פון 5=טן אויפן 6=טן אַנואַר 1919 איז ווילנע שוין ווידער געווען—רוסלאַנד. אויף מאָרגן זיינען אויף די גאַסן אויסגעקלעפּט געוואָרן קליינע צעטעלעך מיט אַזאַ נוסח:

דעם 5=טן יאַנואַר 8 אַ זייגער אין אָוונט איז ווילנע באַזעצט געוואָרן פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי פון דער פּראָוויזאָרישער אַרבעטער= און פויערים=רעגירונג פון ליטע*).

דער מיליטערישער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט.

אין אָוונט איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון אַרבעטער=ראַט, וואו פאָרשטייער פון די פאַרטייען האָבן באַגריסט די רויטע אַרמיי, פאָרשטייער פון דער רויטער אַרמיי האָבן געענטפערט. ס'איז באַשטימט געוואָרן צו קלייבן אַ נייעם אַרבעטער=ראַט אויפן יסוד פון דער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע. ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז מיטוואָך קומט פאָר די קבורה פון די חברים, וואָס זיינען געפאַלן אין בנין פון „אייזנבאַנקרייזל" און אַז דעם דאָזיקן טאָג זאָל קיינער ניט אַרבעטן.

פייערלעך איז געווען די לוויה פון די געפאַלענע רעוואָלוציאָנערן. כמעט די גאַנצע באַפעלקערונג האָט אָנטייל גענומען אין דער פּראָצעסיע. קעפּ האָבן זיך אַנטבלויזט אָן באַפעל, און די קלאַנגען פון טרויער=מאַרש און דער אָנבליק פון די אָפּגעריסענע, אויסגעמאַטערטע רויטע אַרמייער—די שטומע מחנות פון דער רעוואָלוציע—האָבן אויפגערודערט און גערירט ביז טרערן. אָט איז, אין קיצורים, די באַשרייבונג פון דער לוויה אין דער בונדישער „אונזער שטימע":

„ניין אינדערפרי איז וואָרניע=גאַס פאַרמאַכט געוואָרן פאַר זייטיקע פערזאָנען און געאָרג=פּראָספּעקט פון יאַגעלאָנער ביז לוקישקער פלאַץ איז אָפּגעריניקט געוואָרן פון עולם. גלייך האָבן זיך אָנגעהויבן אויסשטעלן נאָכן באַשטימטן צערעמאָניאַל אַלע אָרגאַניזאַציעס. אַלע אַרומיקע גאַסן זיינען פאַרצאַמט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער מיליציע. עס זיינען אָנגעקומען אָפּטיילונגען פון דער רויטער אַרמיי מיט אָרקעסטערס.

1 אַ זייגער האָבן זיך באַוויזן די דעלעגאַציעס מיט די קרענץ פון ראַט פון די פאָלקסקאָמיסאַרן פון דער רוסלענדישער סאָציאַליסטישער פעדעראַטיווער סאָוועטישער רעפּובליק, פון דער דערווייליקער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער= און פויערים=רעגירונג פון ליטע, פון דער דערווייליקער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער= און פויערים=רעגירונג פון ווייסרוסלאַנד, פון קאָמיסאַרן=ראַט פון פאַרבאַנד פון די צפון=קאָמונעס, פון צ. ק. און פון פאַרשיידענע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, פון ווילנער אַרבעטער=ראַט, געגנט=קאָמיטעט פון „בונד" און רעדאַקציע „אונזער שטימע", ווילנער קאָמיטעט פון „בונד", בונדישע פראַקציע פון ווילנער אַרבעטער=ראַט, רויטע אַרמיי, ווילנער קאָמיטעט פון „פועלי=ציון", ווילנער קאָמיטעט פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פון ליטע און ווייסרוסלאַנד, לערניוגנט פון סאָציאַל=דעמאָקראַטן פון ליטע און ווייסרוסלאַנד, די לינקע סאָציאַליסטן=רעוואָלוציאָנערן און רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן=נאַראָדניקעס פון ליטע. די יוגנט=אָרגאַניזאַציע פון „בונד", פּאַרטיי סאָציאַליסטן=רעוואָלוציאָנערן, אַלגעמיינער אַרבעטער=קולטור=פאַראיין, קריגסגעפאַנגענע, ווילנער יידישער זעלבסטשוץ, ווילנער קאָמיטעט „פאַראייניקטע", ווייסרוסישע סאָציאַליסטישע גראָמאַדע, פאַראיין פון אַרבעטער=יוגנט, סאָציאַל=דעמאָקראַטן פון ליטע, אָנגעשטעלטע פון שטאָט=פאַרוואַלטונג, מיליציע, און נאָך פיל פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און געזעלשאַפטן.

נאָך די קרענץ באַווייזן זיך די מיטות, וועלכע ווערן געטראָגן פון אַרבעטער און קריגסגעפאַנגענע צו 6 יעדע מיטה. די רויטע אַרמיי, אויסגעשטעלט אַנטקעגן וואָרניע גאַס, נעמט די ביקס אויף „קאַראַאול", די אָרקעסטערס שפּילן „קאָל סלאַווען", די קעפּ ווערן אַנטבלויזט, זיי בייגן זיך פאַר די געפאַלענע העלדן. אַ שוידער פליט דורך צווישן די געשלאָסענע רייען, אַ שווער, האַרץ=דריקנדיק געפיל באַהערשט אַלעמען, טרערן שטעלן זיך אין די אויגן, די ציינער דריקן זיך צונויף פון נקמה=צאָרן פאַר די געפאַלענע מאַרטירער.

נאָך די מיטות גייען די פאַמיליעס פון די געפאַלענע, דער קריגס=רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט, דער פּרעזידיום און די מיטגלידער פון אַרבעטער=ראַט. די פּראָצעסיע באַוועגט זיך לאַנגזאַם. עס באַווייזט זיך דער געמישטער כאָר פון יידישן אַרבעטער=קונסט=פאַראיין און פון די קאָמוניסטן מיט די אינטערנאַציאָנאַליסטן. עס גייען די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס: די קאָמוניסטן, דער „בונד" מיט זיין יוגנט=אָרגאַניזאַציע, די אינטערנאַציאָנאַליסטן, די לינקע סאָציאַל=רעוואָלוציאָנערן און נאַראָדניקעס, סאָציאַל=דעמאָקראַטן פון ליטע, פּוילישע סאָציאַל=דעמאָקראַטן, פּועלי=ציון, סאָציאַליסטן=רעוואָלוציאָנערן, פאַראייניקטע. אַ ים מיט פאָנעס פלאַטערט איבער אַלעמענס קעפּ. דער קאָמאַנדיר פון דער רויטער אַרמיי גיט אַ קאָמאַנדע און פון ביידע זייטן גאַס גייען אַריין אין די רייען איינע נאָך די אַנדערע די ראָטעס פון 1=טן פּסקאָווער שיסער=פּאָלק, פון 146=סטן שיסער=פּאָלק און פון ווילנער פּאָלק. נאָך זיי גייט דער בלאָז=אָרקעסטער פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די קונסט=אַרבעטער און אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

עס ציט זיך נאָכדעם אַ צוואַנציק=טויזנט=קעפּיקער עולם. די פּראָצעסיע גייט דורך יאַגעלאָנער, זאַוואַלנע, סאַדאָווע, וואָקזאַל=גאַס, אָסטראָבראָם, ברייטע, קאַטעדראַל=פּלאַץ.

לעבן גערטנדל פון געוועזענעם דענקמאָל פון יעקאַטערינען ווערן אויסגעשטעלט אויף אַ ספּעציעל אײַנגעאָרדנטן בריק אַלע מיטות, עס ווערן אויפגעעפנט די דעקן און עס הייבן אָן פאַרביי=דעפילירן אַלע אָרגאַניזאַציעס מיט זייערע פאָנעס. אַלע פאַרבייגייענדיקע קענען זען די פּנימער פון די געפאַלענע חברים. עס ווערן צוגעטראָגן און אַרויפגעלייגט אַלע קרענץ אויף דעם פּיעדעסטאַל פון דענקמאָל, וואָס איז לעבן ברודער=קבר.

אַ הערלעך גראַנדיאָז בילד שטעלט פאָר דער דענקמאָל, אײַנגעטונקט אין בלומען מיט קרענץ פון רויטע, ווייסע און שוואַרצע באַנטן, באַקרוינט אויפן שפּיץ מיט פאָנעס און אַרומגערינגלט מיט די דעלעגאַציעס פון אַלע אָרגאַניזאַציעס. אַלע גייען פאַרביי, די טויטע קערפּערס און די מיטות ווערן אַראָפּגעלאָזן אין ברודער=קבר, די רויטע אַרמיי סאַליוטירט, די אָרקעסטערס שפּילן „איר זייט אַ קרבן געפאַלן", די מאַרסעליעזע. דערנאָך זינגט דער כאָר און ס'הייבן זיך אָן די רעדעס.

עס טרעטן אַרויס פאָרשטייער פון דער רעגירונג, פון רוסלענדער קאָמיסאַרן=ראַט, פון אַרבעטער=ראַט, פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, פון „בונד", פון די סאָציאַליסטן=רעוואָלוציאָנערן א. אַז. וו. אַלע אין איין קול רופן צו געדענקען וועגן די געפאַלענע קרבנות און אַריינצוטרעטן אין די רייען פון דער

*) נאָך כריער, סוף דעצעמבער, זיינען אין ווילנע אַרומגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט אויפרופן, וועלכע האָבן געמאָלדן וועגן דער געשאַפענער „צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג פון ליטע" מיט דעם ליטווישן שריפטשטעלער און קאָמוניסט מיצקעוויטש-קאַפּסוקאַס בראש.

רעוואָלוציע, וואָס גיסט זיך פונאַנדער אויף גאַנץ אייראָפּע. אַלעמענס רעדעס ווערן אויסגעהערט מיט באַגייסטערונג, איבערן גאַנצן פלאַץ הילכן אַלע ווײַלע די הוראַ=אויסגעשרייען, עס איז שוין האַלב=טונקל, האַלב פיר ענדיקן זיך די רעדעס און די אַרבעטער=מאַסע גייט זיך פונאַנדער אַהיים, פאַרטיפט אין טרויער".

זעלטן אָבער זיינען געווען די מאָמענטן פון אחדות און פייערלעכער שטימונג. די ערוואַרטונגען, אַז די קאָמוניסטן וועלן אין ליטע פירן אַן אַנדער פּאָליטיק, ווי אין רוסלאַנד, אַ מער צוגעפּאַסטע צו די אָרטיקע פאַרהעלטענישן, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר פאַלש. אויך אין ליטע האָבן די קאָמוניסטן זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צו די איבעריקע סאָציאַליסטישע פאַרטייען, הגם די געשעענישן האָבן זיך דאָ צונויפגעלייגט אַזוי, אַז זיי האָבן געקענט האָבן די מיטאַרבעט כּמעט אַלע אַרבעטער=פאַרטייען. עס האָט געמוזט קומען צו אַ קאַמף צווישן די קאָמוניסטן מיט די איבעריקע פאַרטייען, אַ קאַמף, וואָס האָט פיל שאָדן געבראַכט דער ערשטער ראַטנמאַכט אין ווילנע.

שוין אויף דער צווייטער זיצונג פון אַרבעטער=ראַט, דעם 22=סטן דעצעמבער 1919, נאָך פאַרן אַריינגיין פון די באָלשעוויקעס, איז געקומען צו אַ שאַרפן צוזאַמענשטויס: די לינקע ס. ר., וועלכע האָבן דאַן געהאַט אין ליטע אַ געוויסע ווירקונג, האָבן אינטערפּעלירט וועגן דער „צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג פון ליטע", וואָס איז באַשטימט געוואָרן אין מאָסקווע אָן הסכּם פון ווילנער אַרבעטער=ראַט און וועלכע איז באַשטאַנען אויסשליסלעך פון קאָמוניסטן. צו דער אינטערפּעלאַציע האָבן זיך צוגעשטיקט די אינטערנאַציאָנאַליסטן און דער „בונד" און ס׳איז אָנגענומען געוואָרן אַזאַ רעזאָלוציע:

1) די איינציקע סובערענע מאַכט אין ליטע איז נאָר דער צוזאַמענפאָר פון די אַרבעטער= און פויערים=ראַטן אין ליטע. נאָר דער צוזאַמענפאָר קאָן אויסטיילן די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג פאַר ליטע.

2) ביז דער צוזאַמענפאָר וועט פאָרקומען, איז די איינציקע מאַכט אין ליטע—דער אויספיר=קאָמיטעט פון ווילנער אַרבעטער=ראַט.

3) דער ווילנער אַרבעטער=ראַט פּראָטעסטירט קעגן איטלעכן פּרוב צו אוזורפּירן,—פון וואָס פאַר אַ זייט דאָס זאָל ניט קומען,—די סובערענע רעכט פון די אַרבעטער און פויערים אין ליטע.

די קאָמוניסטן האָבן זיך אין דער אָפּשטימונג ניט באַטייליקט. זיי האָבן בכלל ווייניק אַכט געלייגט אויף די רעזאָלוציעס פון ראַט, וואָס האָבן ניט געשטימט מיט זייער טאַקטיק, ווייל די רויטע אַרמיי איז שוין דאַן געווען ניט ווייט און צוזאַמען מיט איר אויך די מאַכט.

אַ בולטער באַווייז דערצו איז געווען די באַשטימונג פון אַ קריגס=רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט תיכף נאָכן פאַרנעמען ווילנע דורך די באָלשעוויקעס, אָן ידיעה פון ראַט און אויסשליסלעך פון קאָמוניסטן. דאָס האָט ווידער אַרויסגערופן אַ פּראָטעסט פון „בונד", אינטערנאַציאָנאַליסטן און די איבעריקע פאַרטייען און ווידער איז דורכן ראַט אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וואָס זאָגט, אַז אַלע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַנען דאַרפן געשאַפן ווערן נאָר דורכן ראַט. אויף דער זעלבער זיצונג פון אַרבעטער=ראַט איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, אַז ס׳ווערן ווידער אויפגעשטעלט אַלע בירגערלעכע פרייהייטן, פרייהייט פון וואָרט, פּרעסע, אַגיטאַציע א. אַנד. אין ס׳ווערט אויף אַלע מאָל אָפּגעשאַפט טויטשטראָף. די דאָזיקע רעזאָלוציעס אָבער האָבן שוין איצט געוויס געקענט האָבן נאָר אַ היסטאָרישן ווערט, די קאָמוניסטן האָבן זיך שוין בכלל ניט גערעכנט מיטן ראַט, אין וועלכן זיי האָבן ניט געהאַט קיין מערהייט און די איינציקע פאַקטישע מאַכט אין ווילנע איז געווען דער קריגס=רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט, וועלכער האָט באַשטימט קאָמיסאַרן און אַרויסגעגעבן באַפעלן לויט דעם אַלטן, צוגעוויינטן שאַבלאָן.

מ׳קען אָבער ניט לייקענען די גרויסע ווירקונג, וואָס די קאָמוניסטישע אידעאָלאָגיע האָט דאַן געהאַט אין ליטע. נאָך דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען גרויסע מאַסן ניט אָרגאַניזירטע אַרבעטער זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין קאַמף, אין ליטע, וואו דער קלאַסן=קאַמף איז דורכקרייצט געוואָרן מיטן נאַציאָנאַליטעטן=קאַמף, האָבן די לאָזונגען פון דעמאָקראַטיע און גרינדונגס=פאַרזאַמלונג ניט געקענט האָבן קיין צוציאונגס=קראַפט, פאַרקערט, די לאָזונגען פון די קאָמוניסטן זיינען געווען פשוט און פאַרשטענדלעך פאַר די מאַסן. אַפילו דער טייל אַרבעטער, וואָס איז געווען אָרגאַניזירט אין פּאָליטישע פאַרטייען און האָט דורכגעמאַכט אַ לאַנגן פּעריאָד פון אָרגאַניזאַציע און דיסציפּלין, האָט ניט געקענט ביישטיין און איז מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם. אַ בולטע אילוסטראַציע איז די רעזאָלוציע וועגן פּאָליטישן מאָמענט, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון „בונד" דעם 11=טן יאַנואַר 1919, ד. ה., סך=הכּל עטלעכע טעג נאָך דעם אַריינגיין פון די באָלשעוויקעס, מיט אַ גרויסער מערהייט פון 106 שטימען קעגן 33:

„דער זיגרייכער גאַנג פון דער רעוואָלוציע אין ליטע, אונטערשטיצט פון דעם דייטשן און, הויפּטזעכלעך, פון רוסישן פּראָלעטאַריאַט, האָט איבערגעגעבן די פולע רעגירונגס=מאַכט אין די הענט פון די אַרבעטער=און פויערים=ראַטן, וואָס זייער אויפגאַבע איז צו פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם. מיר וואַרפן אָפּ די לאָזונגען פון גרינדונגס=פאַרזאַמלונג, דעמאָקראַטישע שטאָט=פאַרוואַלטונגען און קהילות. די ראַטן דאַרפן אויסדריקן דעם ווירקלעכן ווילן פון די אַרבעטער=מאַסן און טאָרן ניט ווערן קיין ווערקצייג פון איינצלנע פאַרטייען".

פאַרשטייט זיך, אַז דער צווייטער טייל פון דער רעזאָלוציע וועגן דער דעמאָקראַטישקייט פון די ראַטן גופא איז געבליבן נאָר אויפן פּאַפּיר, און איז פּאַקטיש ניט פאַרטיידיקט געוואָרן אין לעבן אפילו דורך די, וואָס האָבן די רעזאָלוציע אָנגענומען.

ס׳איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס די וואַלן צום נייעם אַרבעטער=ראַט דעם 30, 31 יאַנואַר און 1, 2 פעברואַר 1919, וואָס זיינען אַגב פאָרגעקומען אונטער אַ גרויסן דרוק פון די קאָמוניסטן, האָבן זיי געגעבן אַ גרויסע מערהייט. אין נייעם אויספיר=קאָמיטעט זיינען אויסגעקליבן געוואָרן 20 מיטגלידער, דערונטער 16 קאָמוניסטן. און אַזוי אַרום האָט די קאָמוניסטישע רעגירונג אין ליטע באַקומען אַלע סימנים פון לעגאַליטעט.

דעם 18=טן פעברואַר 1919 איז פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג פון ראַטן=צוזאַמענפאָר אין ליטע. דער צוזאַמענפאָר האָט באַשלאָסן צונויפצוגיסן די סאָוועטישע רעפּובליקן פון ליטע און ווייסרוסלאַנד. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ צענטראַלער אויספיר=קאָמיטעט פאַר ליטע פון 50 מיטגלידער, אין וועלכן די קאָמוניסטן האָבן געהאַט 46 ערטער און אויף דער פאַראייניקטער זיצונג פון די צענטראַלע אויספיר=קאָמיטעטן פון ליטע און ווייסרוסלאַנד אין שטאָטזאַל, דעם 27=סטן פעברואַר 1919, איז אויסגעקליבן געוואָרן די אַרבעטער= און פויערים=רעגירונג פון ליטע און ווייסרוסלאַנד, ווידער מיט מיצקעוויטש=קאַפּסוקאַס בראש.

---

### III. צוויי נאָטעס.

אין דער צייט, וואָס אין ווילנע זיינען פאָרגעקומען די אַלע פייערלעכקייטן, האָט זיך פוילן אָרגאַניזירט, געשאַפן אַן אַרמיי און געגרייט זיך צו דערלאַנגען אַ טויטקלאַפּ דער ראַטנמאַכט אין ליטע. די אַנטאַנטע האָט געהאַט דערין אַ גרויסן חלק, ווי מיר זעען פון דער פאָלגנדיקער דייטשער נאָטע, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם 14 פעברואַר 1919 אין ספּאַ און וועלכע וואַרפט אַ גאַנץ אומצווייטייטיק ליכט אויף די געשעענישן אין ווילנע אין יענעם פּעריאָד:

„דער מאַרשאַל פאָש האָט דעם 25 יאַנואַר געפאָדערט, אַז די פוילישע מחנות זאָל געגעבן ווערן אַ פרייער דורכגאַנג קיין גראָדנע און ווייטער אויף צו קעמפן מיטן באָלשעוויזם. דער אָפּזאָג פון דער דייטשער מאַכט וועט ווערן אויסגעטייטשט ווי אַ ראיה, אַז די דייטשע רעגירונג וועט ניט אַרויסווייזן קיין שום ווידערשטאַנד די באָלשעוויקעס. דעריבער האָט די דייטשע רעגירונג באַפוילן די חיילות, וואָס פאַרנעמען ליטע, אויסצואַרבעטן אַ הסכם וועגן דעם דורכגאַנג פון די פוילישע מחנות. אַזאַ הסכם איז שוין אויסגעאַרבעט און פאָרגעלייגט דער דייטשער רעגירונג אויף באַשטעטיקונג. באַפרידיקנדיק אויף אַזאַ אופן די פאָדערונגען פון די אַנטאַנטישע מלוכות בנוגע דעם פרייען דורכגאַנג פון די פוילישע מחנות אויף מזרח, אויף גראָדנע און ווייטער, האַלט די דייטשע רעגירונג פונדעסטוועגן פאַר נייטיק אָנצווייזן אָט אויף וואָס:

„די ידיעות וועגן דעם פרייען דורכגאַנג פון די פּאָליאַקן האָבן אַרויסגערופן אַן ענערגישן פּראָטעסט מצד די ליטווינער און ווייסרוסן. די דייטשע רעגירונג האָט אויפן פּראָטעסט געענטפערט, אַז זי איז געצוואונגען צו מאַכן דעם דאָזיקן שריט, צוליב די פאָדערונגען פון די אַנטאַנטישע מלוכות. זי אַליין אָנערקענט די גערעכטיקייט פון דעם דאָזיקן פּראָטעסט, ווייל זי האַלט, אַז פאַרענטפערן דעם גורל פון די געוועזענע רוסישע פּראָווינצן געהערט דער קאָמפּעטענץ פון דער שלום-קאָנפערענץ.

„אַחוץ דעם דאַרף מען אָנווייזן דערויף, אַז דער ווידערשטאַנד, וואָס די פוילישע מחנות שטעלן די באָלשעוויקעס, איז, מחמת דער ברייטער פאַרשפרייטונג פון די באָלשעוויסטישע אידעען אין דער פוילישער אַרמיי, זייער אַ ניט באַדייטנדיקער. דעריבער קוקן אויף דער פוילישער פאַרטיידיקונג קעגן דעם באָלשעוויזם מיט אומצוטרוי ניט בלויז די ליטווינער און ווייסרוסן, נאָר אויך דייטשלאַנד.

„אויף וויפיל ס'איז באַגרינדעט דער דאָזיקער אומצוטרוי, דערווייזט די עוואַקואַציע פון ווילנע. די דייטשע מחנות האָבן, לויט דער פאָדערונג פון מאַרשאַל פאָש, געמוזט איבערגעבן די פאַרטיידיקונג פון דער שטאָט די פּאָליאַקן. דער סוף איז געווען, אַז די פּאָליאַקן, הגם זיי האָבן פאַרנומען די שטאָט, האָבן געמוזט אין צוויי טעג אַרום זי ווידער אָפּטרעטן די רויטע חיילות, וואָס זיינען געווען לויט זייער צאָל און באַוואָפענונג אַ סך שוואַכער פון די פּאָליאַקן און אַדאַנק דעם איז די גאַנצע סיסטעם פון באַפעסטיקונגען אַרום ווילנע שטאַרק געשעדיקט.

„ביי אַזוינע באַדינגונגען איז די דייטשע רעגירונג געצוואונגען אַראָפּצונעמען פון זיך יעטווידע אחריות פאַר די רעזולטאַטן פון דעם דאָזיקן שריט, וואָס פאָש האָט געפאָדערט".

כמעט אין דער אייגענער צייט, דעם 16-טן פעברואַר 1919 האָט די דערווייליקע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער- און פויערים-רעגירונג פון דער סאָציאַליסטישער סאָוועטישער רעפּובליק פון ליטע צוזאַמען מיטן צענטראַלן אויספיר-קאָמיטעט פון די אַרבעטער-, סאָלדאַטן- און פויערים-ראַטן פון דער סאָציאַליסטישער ווייסרוסישער רעפּובליק זיך געווענדט, אויפן יסוד פון אַ קעגנזייטיקן אָפּמאַך, צו דער רעגירונג פון דער פוילישער רעפּובליק מיט דער פאָלגנדיקער מעלדונג:



„די אַרבעטסקלאַסן, די אַרבעטער און פויערים פון ליטע און ווייסרוסלאַנד, וואָס שטייען אויפן באָדן פון זעלבשטענדיקער מלוכהשאַפטלעכער זעלבסטבאַשטימונג, האָבן אויסגעדריקט זייער רצון צו פאַראייניקן די רעפּובליקן פון ליטע און ווייסרוסלאַנד אין איין מלוכהשאַפטלעכן אָרגאַניזם און האָבן באַשלאָסן צו גרינדן אַ ליטוויש-ווייסרוסישע סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק.

„די אַרבעטנדיקע קלאַסן, וואָס באַפעלקערן די טעריטאָריעס פון די אויבנאָנגערופענע רעפּובליקן און וואָס פילן אַ ניט צעטיילעוודיקן באַנד מיט די אַרבעטסלייט פון דער גאַנצער וועלט, זיינען פרעמד אַלע שטרעבונגען צו פאַרכאַפּן פרעמדע לענדער. די אַרבעטער און די אָרימע פויערים, וואָס זיינען פאַראייניקט דורך די גרויסע אידעאַלן פון צווישנפעלקערלעכער אחדות פונם פּראָלעטאַריאַט, ווילן ניט פאַרענטפערן די שטרייט-פראַגן מיטן כוח פון כלי-זיין. די אַרבעטער און די אָרימע פויערים פון ליטע און ווייסרוסלאַנד פאַרענטפערן די שטרייטיקע טעריטאָריאַלע שאלות, וואָס קומען אויף צווישן זיי, דורך אַ הסכם — שאַפנדיק אַ סאָציאַליסטישע און סאָוועטישע אוניע (פאַרבאַנד) פון ליטע און ווייסרוסלאַנד.

„אין דער זעלביקער צייט דריקן זיי אויס דעם פאַרלאַנג איינצושטעלן וואָס גיכער אַן ענגן פאַרבאַנד מיט זייערע שכנים — מיט אַלע סאָציאַליסטישע סאָוועטישע רעפּובליקן, וואָס האָבן זיך פאָרמירט אויף די קאַנטן פון דער געוועזענער רוסישער אימפּעריע: מיט רוסלאַנד, אוקראַינע, לאַטוויע און עסטאָניע. צו דעם צוועק האָבן זיי בדעה צו שאַפן פון די אָנגערופענע רעפּובליקן — אַ פאַראייניקטע פעדעראַטיווע סאָציאַליסטישע סאָוועטישע רעפּובליק.

„אויב אַזאַ מלוכהשאַפטלעכע התקרבות, אַזאַ פעדעראַטיווער פאַרבאַנד איז ניט מעגלעך בנוגע די מלוכות, וואו די גאַנצע מאַכט איז נאָך ניט אין די הענט פון די אַרבעטער און אָרימע פויערים, קאָנען אָבער די אַרבעטער פון ליטע און ווייסרוסלאַנד, וואָס זיינען באַפרייט געוואָרן פונם יאָך פון שקלאַפעריי פון די אָקופּאַנטן און פון דער קאַפּיטאַליסטישער גוואַלד און וואָס זיינען געוואָרן זעלבשטענדיק, ניט גלויבן, אַז די שכנותדיקע פעלקער זאָלן וועלן מיט גוואַלד אָפּרייסן טעריטאָריעס, וואָס גייען אַריין אין צוזאַמענשטעל פון די אויבנאָנגערופענע רעפּובליקן. בפרט, אַז זיי האָבן קעגן די דאָזיקע פעלקער קיין שום פיינדשאַפטלעכע כוונות ניט, פּונקט פאַרקערט, — זיי זיינען באַגייסטערט מיט אַ געפיל פון טיפער פריינדשאַפט. בכלל זיינען די פעלקער פרעמד יעטווידע אימפּעריאַליסטישע פאַרכאַפּונגס-שטרעבונגען.

„דעריבער איז די דערווייליקע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער- און פויערים-רעגירונג פון ליטע צוזאַמען מיטן צענטראַלן אויספיר-קאָמיטעט פון ווייסרוסלאַנד מיט גרויס באַדויערן געצוואונגען צו פאַרצייכענען דעם פאַקט, וואָס מיליטערישע כוחות פון פוילן האָבן זיך אַריינגעריסן אין גראָדנער גובערניע און צווישן אַנדערע אין ביאַליסטאָקער אויעזד. ניט האָבנדיק קיין שום כוונות צו מאַכן אַן אָנפאַל אויף דער פוילישער טעריטאָריע, דריקן די אַרבעטער- און פויערים-רעפּובליקן פון ליטע און ווייסרוסלאַנד אויס דעם ענערגישסטן פּראָטעסט קעגן די מעשים פון דער פוילישער רעגירונג. די אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג פון ביאַליסטאָקער אויעזד פילט אַ אומצעררייסלעכן פאַרבאַנד מיט די סאָוועטישע רעפּובליקן פון ליטע און ווייסרוסלאַנד. ניט קוקנדיק אויף אַלע מניעות פון דער מיליטערישער דייטשער און פוילישער אָקופּאַציע, האָבן די פאַרטרעטער פון די אַרבעטער און פויערים פון ביאַליסטאָקער אויעזד זיך באַטייליקט אין אַלע צוזאַמענפאָרן, וואָס זיינען אין

דער לעצטער צייט צונויפגערופן געוואָרן אין ליטע און ווייסרוסלאַנד:

„דעם דאָזיקן צוזאַמענהאַנג באַשטעטיקט דער עטנאָגראַפישער צוזאַמענשטעל פון דער באַפעלקערונג פונם דאָזיקן אויעזד, אין וועלכן דער פּוילישער עלעמענט איז אַ מיעוט.

„אויסדריקנדיק אַ פּראָטעסט קעגן דעם פּלאַן פון דער פּוילישער רעפּובליק צו פאַרענטפערן טעריטאָריאַלע סכסוכים מיט גוואַלד, ווייזט די דערוויילעקע אַרבעטער- און פּויערים-רעגירונג פון ליטע צוזאַמען מיטן צענטראַלן אויספיר-קאָמיטעט פון ווייסרוסלאַנד נאָך אַמאָל אָן דערויף, אַז זיי זיינען אין יעדער צייט גרייט צו פאַרענטפערן אַלע שטרייטיקע טעריטאָריאַלע שאלות דורך אַ רואיקן, פריינדשאַפטלעכן הסכם.

„מחמת דעם לייגן זיי פאָר דער רעגירונג פון דער פּוילישער רעפּובליק צו דעלעגירן פאַרטרעטער אין אַ אויסגלייך-קאָמיסיע, וואָס איר אויפגאַבע דאַרף זיין: איינשטעלן די גרעניצן צווישן דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער סאָוועטישער רעפּובליק פון ליטע און ווייסרוסלאַנד פון איין זייט און פון דער פּוילישער רעפּובליק פון דער אַנדער זייט. אין פאַל פון אַ הסכם בעטן מיר די רעגירונג פון דער פּוילישער רעפּובליק מודיע צו זיין, ווען זי שיקט פון איר זייט אויף צו אונטערהאַנדלען, און אויך וואו און ווען, לויט איר איינזען, דאַרף זיך צונויפקומען די דערמאָנטע קאָמיסיע".

פּאָרזיצער פון דער דערוויילעקער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער- און פּויערים-רעגירונג פון ליטע,

מיצקעוויטש-קאַפּסוקאַס.

פּאָרזיצער פונם צענטראַלן אויספיר-קאָמיטעט פון די ראַטן פון די אַרבעטער- פּויערים- און סאָלדאַטן-דעפּוטאַטן פון דער ווייסרוסישער רעפּובליק,

מיאַסניקאָוו.

ווילנע, 16 פעברואַר, 1919.

די פּוילישע רעגירונג אָבער האָט ניט נאָר ניט געשיקט קיין פאַרטרעטער אין דער פאָרגעלייגטער אויסגלייכס-קאָמיסיע, נאָר האָט בכלל ניט געפונען פאַר נייטיק צו ענטפערן אויף דער דאָזיקער נאָטע.

די ידיעה, אַז די דייטשן האָבן דורכגעלאָזט די פּוילישע חיילות האָט אַרויסגערופן אין ווילנע גרויס אומרואיקייט, באַזונדערס צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכער דער שוידערלעכער פּאָגראָם אין לעמבערג און די מעשים-נוראים אין לאַפּי (באַן-סטאַנציע צווישן ביאַליסטאָק און וואַרשע) האָבן קיין גוטס ניט צוגעזאָגט. די רעגיסטראַציע פון מיליטער-פליכטיקע פון איייניקע יאָרגענג, אָנהייבנדיק פון יאָר 1900, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויפן 21 פעברואַר און ווייטער, האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די אומרואיקע שטימונג. אין שטאָט זיינען אַרומגעגאַנגען פאַרשיידענע קלאַנגען וועגן דער לאַגע אויפן פראָנט אַזוי, אַז דער פּרעזידיום פון ווילנער אַרבעטער-ראַט האָט געפונען פאַר נייטיק אָנהייב מערץ אַרויסצולאָזן אַן אויפרוף, וואו ס'איז געזאָגט געוואָרן:

„אַזוי ווי די שונאים פון אַרבעטער-קלאַס און זייערע געדונגענע אַגענטן פאַרשפּרייטן פאַלשע קלאַנגען וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן, איז דער ווילנער ראַט פון אַרבעטערשע און רויטאַרמייאישע דעפּוטאַטן מודיע די ברייטע אַרבעטער-מאַסן, אַז יעדן טאָג ווערן געדרוקט אין די צייטונגען גענויע ידיעות וועגן דער לאַגע אויפן פראָנט און וועגן די פּאָליטישע געשעענישן און אַז אַלע פאַלשע קלאַנגען האָבן ניט קיין שום גרונד און זיינען בלויז אַ רעזולטאַט פון דער פּראָוואָקאַטאָרישער אַרבעט פון די שוואַרצע קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע כוחות. דער פּרעזידיום איז דעריבער מתרה, אַז אַלע פּערזאָנען, וואָס פאַרשפּרייטן פאַלשע קלאַנגען, וועלן צוגעצויגן ווערן צו אַ שטרענגער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און רופט די אַרבעטער ניט צו גלויבן די פאַלשע קלאַנגען און אָנווייזן אויף די יעניקע, וואָס פאַרשפּרייטן זיי".

די רעגירונג פון איר זייט האָט אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז „היות עס האָבן זיך געמאָלדן זייער פיל פריייוויליקע אין דער רויטער אַרמיי, דאַרפן אָפּגעשאַפט ווערן די באַפעלן פון ווילנער גובערניאַלן און אויעזדנעם קריגס-קאָמיסאַריאַטן וועגן רעגיסטרירן אַלע בירגער, וואָס דאַרפן פאַררעכנט ווערן אַלס מיליטער-פליכטיקע".

ניט קוקנדיק אָבער אויף אַלע באַרואיקונגען זיינען אין שטאָט אַרומגעגאַנגען קלאַנגען וועגן געהיימער צוגרייטונג צו עוואַקואירן געוויסע סאָוועטישע אינסטיטוציעס, אַז די פּאָליאַקן קענען אַ ליאַדע טאָג פאַרנעמען די שטאָט און די ווילנער דעלעגאַטן צו דער עלפטער אַלרוסישער קאָנפערענץ פון „בונד" אין מינסק, וואָס האָט זיך געעפנט דעם 17-טן מערץ, האָבן געצווייפלט, צי זיי וועלן נאָך באַוויזן צו קומען צוריק קיין ווילנע.

אָנהייב אַפּריל איז די יידישע ווילנע אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דער ידיעה וועגן דער שרעקלעכער שחיטה אויף יידן אין פּינסק און ס'איז קלאָר געווען, אַז דער אַריינמאַרש פון די פּאָליאַקן אין ווילנע וועט גלאַט ניט אַראָפּגיין. וואונדערלעך אָבער איז, וואָס גראָד דאַן איז אין שטאָט שטילער געוואָרן. עפּעס אַ געהיימע האַנט האָט געשטיקט די קלאַנגען וועגן דער געפערלעכער לאַגע אויפן פראָנט. און דיזעלבע לייט, וואָס האָבן אומעטום געשיקט קאָמוניסטן און געהויבן די הענט פאַר קאָמוניסטישע רעזאָלוציעס, האָבן זיך געגרייט צו פאַרראַטן די סאָוועטישע מאַכט.

שפּעטער, נאָכן אַריינגיין פון די פּאָליאַקן, זיינען מעשיות איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל וועגן מיטגלידער פון פּ. אָ. וו. (פּוילישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע), וואָס האָבן פאַרנומען וויכטיקע פּאָסטנס אין דער אַרמיי, וועגן דעפּעשן, וואָס זיינען ניט איבערגעגעבן געוואָרן, וועגן מענטשן, וואָס האָבן געבראַכט וויכטיקע ידיעות און זיינען אַרעסטירט געוואָרן פאַר פאַרשפּרייטן פאַלשע קלאַנגען א. אַ. וו.

שבת פאַרטאָג דעם 19-טן אַפּריל 1919 האָבן די פּוילישע לעגיאָנערן, מיט דער הילף פון די אייזנבאַנער, זיך אַריינגעריסן אין ווילנע. דער אַריינגאַנג פון די פּאָליאַקן איז געווען אינגאַנצן אומגעריכט פאַר דער באַפעלקערונג, און די יידן, וואָס האָבן פרייטאָג-צונאַכטס דעם 18-טן אַפּריל רואיק געפּראַוועט שבת און יום-טוב, האָבן גאָרניט געאַנט, אַז דער 19-טער אַפּריל, וועלכער איז אפשר געווען די אַנטשיידנדיקע דאַטע אין גורל פון ווילנע, וועט אַריינשרייבן אַזאַ בלוטיק, אַזאַ אימהדיק בלאַט אין דער געשיכטע פון די יידישע צרות.

ש. גאָרדאָן.

# די פּוילישע אקופּאציע און די יידן.

## 1. די שרעקלעכע טעג.

שוין דער בלוזער אַריינגאַנג פון פוילישן חייל, וואָס איז געקומען „באַפרייען דעם קאַנט פון באָלשעוויסטישן יאָך", האָט דער יידישער באַפעלקערונג געבראַכט צרות און אומגליקן. דער פוילישער באַפרייאונגס=יום=טוב פון 19 אַפריל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן פאַר יידן אין אַ בלוט=באָד.

חול=המועד פסח, דעם 19 אַפריל, האָט דאָס פוילישע מיליטער, ביי דער מיטהילף פון די פוילישע אייזנבאַנער, וועלכע האָבן פאַראַטן די באָלשעוויקעס, נאָך אַ גאַסנשלאַכט פון עטלעכע טעג פאַרנומען ווילנע. דער ערשטער האָט זיך אין ווילנע אַריינגעריסן דער 11=טער אולאַנער פאָלק. די קאַמפן מיט די באָלשעוויקעס האָבן געדויערט פון 19=טן ביזן 26=סטן אַפריל.

אָפּטרעטנדיק דורך שניפּישאָק פאַר די פוילישע לעגיאָנערן, האָבן די באָלשעוויקעס פאַרנומען זייערע פּאָזיציעס אויפן אַלטן שניפּישקער בית=עלמין און אויף די קברים אויסגעשטעלט די האַרמאַטן מיט די קוילנוואַרפערס. אחרון של פסח, ווען די באָלשעוויקעס זיינען אַנטלאָפן, האָבן זיך די פוילישע לעגיאָנערן אַריינגעריסן אויפן בית=עולם און גענומען זיך זוכן דאָרטן באַהאַלטענע אוצרות און געווער. זיי האָבן דורכגעזוכט יעדן אוהל, אויפגעגראָבן די קברים פון ר' מנחם מאַניש חיות (זיין מצבה איז די עלטסטע אויפן אַלטן שניפּישקער בית=עלמין) און פון ר' משה קרעמער (עלטערזיידע פון ווילנער גאון). נאָכן פאַרנעמען די שטאָט האָבן זיך די לעגיאָנערן גענומען צו די לעבעדיקע יידן און די גאַנצע תוכחה מיט אַלע אירע פלאָגן האָט זיך אויסגעגאָסן אויף די יידישע קעפּ.

דעם 29 אַפריל האָבן די באָלשעוויקעס זיך געפּרובט ווידער אַריינרייסן קיין ווילנע און זיינען שוין צוגעקומען צום „זוועריניעץ"; אָבער נאָך אַ קאַמף ביים זווערינצער בריק זיינען זיי ווידער פאַרטריבן געוואָרן.

די גאַנצע צייט פון די איבערגאַנגסטעג זיינען איבער דער יידישער באַפעלקערונג, אונטערן אויסרייד פון קאַמף מיט די באָלשעוויקעס, באַגאַנגען געוואָרן מעשים=תעתועים. די יידן זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין קאָמוניזם, אין שיסן אויפן פוילישן מיליטער פון די ביידימער און ראָג=הייזער, הגם זיי האָבן פון די באָלשעוויקעס געליטן ניט ווייניקער פאַר אַנדערע. זוכנדיק כלומרשט געווער, פלעגט מען זיך אַריינרייסן אין די יידישע הייזער, איבערקערן אַלץ קאַפויער, צונעמען אַלץ, וואָס ס'פלעגט נאָר געפעלן ווערן, מערדעריש שלאָגן, שיסן און אין בעסטן פאַל אַרעסטירן. אַזעלכע רעוויזיעס פלעגן געמאַכט ווערן אַלע ווײלע דורך פאַרשיידענע פּאַרטיעס ציווילע און לעגיאָנערן, געפירט פון קליינע שקצים. ראַבירן פלעגט מען ניט נאָר די הייזער, נאָר אויך די קראָמען, אין וואָס ס'פלעגן זיך באַטייליקן אויך היגע קריסטן. אַ באַזונדערס שענדלעכע ראָלע האָבן דערביי געשפּילט די פייערלעשער, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט אויפזוכן באָלשעוויקעס, שיסנדיק דערווײלע אין אומשולדיקע יידן. די אָנגעראַבירטע זאַכן זיינען נאָכדעם פראַנק און פריי פאַרקויפט געוואָרן אויף די מערק. אַ סך יידן האָבן דאָרטן דערקאָנט זייערע זאַכן און צוריק אָפּגעקויפט. אַזעלכע אָנגעראַבירטע זאַכן זיינען נאָכדעם געפונען געוואָרן אויך ביי באַאַמטע. אַזוי, למשל, האָט מען ביי איינעם אַ רעוויראָווי געפונען געגנבעטע בגדים, וועש, 5 פאָר שיך, זילבער מיט מאָנאָגראַמען און אַנד. פונדעסטוועגן איז דער באַאַמטער פון זיין שטעל ניט באַזייטיקט געוואָרן.

אַ גרויסן חלק אין די בלוטיקע אַפּריל=טעג האָבן געהאַט די פוילישע שול=קינדער, וואָס האָבן אויף זייער געוויסן ניט ווייניק יידישע קרבנות. מיט ביקסן אין די הענט פלעגן זיי אַרומפירן איבער די יידישע הייזער לעגיאָנערן און סתם קריסטן, אָנווייזן, וואו ס'זיינען כלומרשט באַהאַלטן קאָמוניסטן, אָדער פערזאָנען, וואָס האָבן אַ באַציאונג מיט זיי. די קינדער פלעגן דאָס טאָן מיט התמדה, זייענדיק זיכער, אַז זיי פירן אויס אַ וויכטיקע פּאַטריאָטישע שליחות. די קליינע פּאַטריאָטן פלעגן זיך אַרויפוואַרפן אויף די פאַרבייגייענדיקע אומבאַשיצטע יידן, שלאָגן זיי, שפּייען אין פּנים אַריין, מיט געשרייען „געכאַפּט אַ זשיד!" צונויפגעטריבן זיי אין איין אָרט, צום גערטל אויף ברייטער גאַס לעבן שטאַב און אָ רייצן אויף זיי די סאָלדאַטן און דעם המון. די סאָלדאַטן האָבן אין זייער געגנוואַרט באַשאָסן די דערבייאיקע הייזער, די קוילן זיינען געפלויגן איבער די קעפּ פון די אומשולדיקע אַרעסטירטע יידן. צווישן די אַרעסטירטע אויף דער גאַס זיינען געווען די חשובסטע כלל=טוער — ווי הרב י. ר בינשטיין און ד"ר צ. שאַבאַד.

מ'מוז מודה זיין, אַז ס'זיינען געווען פאַלן, אמת זעלטענע, ווען קריסטן פלעגן זיך אָננעמען פאַר יידן און ראַטעווען זייער לעבן און פאַרמעגן, איינשטעלנדיק זיך פאַר זיי.

ס'איז גענוג געווען, אַז אַ קריסט זאָל האָבן אַ כעס אויף אַ יידן, ווי יענער האָט שוין מיט זיין לעבן באַצאָלט. אַזוי זיינען אומגעקומען די יידן ישראל בענסקי, זיין פרוי און פּלימעניצע, אַלס קרבנות פון אַ נקמה=אַקט מצד איינעם אַ קריסט, וואָס האָט געגנבעט ביי בענסקין אַ קו און איז געווען אין כעס אויף אים דערפאַר, וואָס מ'האָט אים אָנגעקלאָגט. פאָרגעקומען איז דאָס אַזוי: דעם לעצטן טאָג פסח האָט מען צום יידן אין שטוב אַריינגעוואָרפן אַ גראַנאַט. גלייך זיינען אָנגעקומען לעגיאָנערן, אכזריותדיק צעשלאָגן זיי, אַוועקגעפירט אויף ליפּובקע און דערשאָסן זיי. אויף ליפּובקע (אַ פאָרשטאָט פון ווילנע) זיינען אָן אַ משפט און אָן אַ חקירה=ודרישה אומגעקומען נאָך 67 יידן, אייניקע פון זיי האָט מען געצוואונגען אויסגראָבן אַ גרוב פאַר זיך אַליין, אַנדערע זיינען באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט.

אַחוץ די הרוגים אויף ליפּובקע, זיינען יידן אויך דערשאָסן געוואָרן אין אַנדערע ערטער. אַזוי למשל איז אויף זאַמד=גאַס

(פּעסטשאַנע) אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון זיין וואוינונג און דערשאָכן געוואָרן דער שריפטשטעלער אייזיק־מאיר דעווענישסקי — א. ווייטער; 3 יידן לעבן אַנטאָקאָל; 3 יידן, 1 מאַנסביל און 2 פרויען, פון וועלכע איינע האָט נאָך געלעבט, זיינען באַגראָבן געוואָרן אויפן ברעג ווויליע לעבן שפּיטאָל יאַקוב, דערביי האָט מען געצוואונגען יידן באַגראָבן זיי; 4 יידן אויף ראָסע. און אַ צייט נאָכאַנאַנד האָט די מאַכט ניט דערלויבט ברענגען די קדושים צו קבר ישראל, מורא האָבנדיק, אַז די יידן וועלן דאָס אויסנוצן אַלס דעמאָנסטראַציע, פאָטאָגראַפירן די טויטע קערפּערס און פונאַנדערשיקן דאָס איבער דער וועלט. עטלעכע יידן זיינען געפונען געוואָרן דערטרונקענע אין ווויליע, געבונדענערהייט.

אַחוץ די דערשאָסענע זיינען טויזנטער יידן אַרעסטירט געוואָרן, צווישן זיי די כלל־טוער און שריפטשטעלער לייב יפה און ש. ניגער, וואָס זיינען אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט א. ווייטער, אָפּגעפירט געוואָרן אויפן וואָקזאַל, וואו זיי איז אויסגעקומען איבערצוטראָגן די צינישסטע הפקרות פון די בלוטיקע אַפּריל־טעג, זייער לעבן איז געהאַנגען אויף אַ האָר און נאָר אַדאַנק די איבערמענטשלעכע השתדלותן איז זיי געלונגען מציל צו זיין פון טויט.

דעם 22 אַפּריל האָט מען צונויפגענומען 32 יידישע סאַניטאַרן און באַרימהאַרציקע שוועסטער, פון אַנטאָקאָלער שפּיטאָל פון רויטן קרייץ, מ׳האָט אַלעמען אינטערזוכט און אכזריותדיק געשלאָגן. די יידישע באַרימהאַרציקע שוועסטער האָט מען אינטער אַ שטרענגן קאָנוואָי אָפּגעפירט אין פּאָליציי־טורמע, אויפן וועג איז מען זיך מיט זיי זייער שרעקלעך באַגאַנגען.

ס׳האָט זיך גלייך פאַרשפּרייט אַ מעשה, אַז אַ יידענע האָט פון שפּיטאָל אַרויסגעטראָגן אַ קערבל מיט באָמבעס, וואָס ס׳האָט זיך נאָכדעם אַרויסגעוויזן פאַר אַ מיאוסן בילבול.

די לאַגע פון די אַרעסטירטע יידישע סאַניטאַרן איז געווען אַ שרעקלעכע: איינער פון זיי, סטאָלאָוו, איז דערשאָסן געוואָרן אויפן וועג, איינער ברייזנשטאָק איז דערשאָסן געוואָרן אין לוקישקער טורמע, דערפאַר, וואָס ער איז געשטאַנען ביים פענסטער פון זיין קאַמער. אַנדערע סאַניטאַרן זיינען אין לוקישקער טורמע קראַנק געוואָרן אויף פלעק־טיפוס און איינער פון זיי, דער סטודענט־מעדיק ליאַצקי, איז געשטאָרבן.

די יידישע אַרעסטירטע האָבן איבערפולט אַלע טורמעס, דעם וואָקזאַל, דעם הויף פון פּאָסט, די בנינים אויף דאָמיניקאַנער 2, אויף געאָרג־פּראָספּעקט 19, אין האַנדלס־באַנק, אין פּאָליציי. אַ גרויסע צאָל אַרעסטירטע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

אויס מורא פאַר דער הפקרות זיינען די יידן דערשלאָגענע און געבראָכענע אין שרעק געזעסן באַהאַלטענערהייט אין די הייזער, אָפּגעריסן פון דער אויסערלעכער וועלט, איינער פון אַנדערן, ניט וויסנדיק, וואָס ס׳קומט פאָר אין אַנדערן הויף: מחוץ שכלה חרב ובבית אימה.

די יידישע באַפעלקערונג איז איבערגעלאָזט געוואָרן אויף הפקר, געווען צו שאַנד און צו שפּאָט, קיין קלאָגער קיין ריכטער איז ניט געווען.

די צייט, ווען ס׳זיינען פאָרגעקומען די שלאַכטן, האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט דער אַריינפיר און אַרויספיר. דער יקרות איז געווען אין לשער. ברויט האָט דאַן דערגרייכט צו 18 צאַרישע רובל אַ פונט, קאַרטאָפל — 7 צאַרישע רובל אַ פונט (מקחים ניט געהערטע אפילו אין רוסלאַנד צו יענער צייט). די יידישע באַפעלקערונג איז געווען זייער פאַראָרימט. די, וואָס האָבן שוין פאַרמאָגט געלט צו קויפן, האָבן געהאַט אויסצושטיין אַ נייע צרה: פאַר עסנוואַרג האָט מען געפאָדערט צאַרישע געלט. דער עולם איז געווען אָנגעשפּייזט מיט קערענקעס. די, וואָס האָבן שוין יאָ געהאַט רוסיש געלט, נאָר פון קלענערע קופּיורן (איינצלנע רובלס, דרייערלעך, פינפערלעך) פלעגן זיי מוזן אויסבייטן אויף גרעסערע, פאַרלירנדיק אַ גרויסן פּראָצענט, צו קריגן אַ פונט ברויט אונטערצוהאַלטן די נשמה.

די שפּייזער פון פילע פאַמיליעס זיינען דערהרגעט געוואָרן אָדער געשמאַכט אין די טורמעס. אַ סך יידן זיינען צעראַבירט, אָדער צערואינירט געוואָרן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן צו מערקן אַ שטרעבונג אויסצונוצן די אַנטיסעמיטישע שטימונג פון די פוילישע מאַסן בכדי אָפּצוציען דעם פוילישן עולם פון די יידישע קראָמען. די אַרבעטסלאָזיקייט איז געוואָרן אין לשער. אין ווילנע האָבן זיך דאַן גענייטיקט אין תמיכה ביי 30 טויזנט יידן. און אין גרויסער שול, בעת קריאת התורה, ווי שפּעטער אין דער קהילה, אויף די פלענאַרע זיצונגען, פלעגן זיך אַריינרייסן פרויען, קינדער, מאַנסלייט — אַרבעטסלאָזע מיט יאָמערלעכע געוויינען נאָך הילף.

דעם 6 מאַי, ווען די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך שוין געהאַט אַ ביסל באַרואיקט פון די איבערגעלעבטע גרוילן, ווען מ׳האָט שוין געקאָנט גיין איבערן גאַס, ריזיקירנדיק נאָר מיט דער פרייהייט, אָדער מיט כאַפּן געשלאָגן, האָט די קהילה נאָך אַ געצוואונגענער הפסקה ווידער אָנגעהויבן צו אַרבעטן. דערפילנדיק דעם גרויסן אחריותפולן מאָמענט, האָבן די לינקע פּאַרטייען, וואָס זיינען מיטן קומען פון די באָלשעוויקעס אַרויסגעטראָטן פון דער קהילה, ווידער אָנטייל גענומען אין דער קהילה־אַרבעט. און מ׳מוז מודה זיין, אַז דער רעפּרעזענטאַטיווער אָרגאַן פון דער יידישער באַפעלקערונג, די קהילה, איז דאַן געשטאַנען אויף דער געהעריקער הייך. די קהילה האָט זיך גלייך געשטעלט אויף דער וואַך פון די יידישע אינטערעסן, פאַרטיידיקנדיק דעם יידישן כבוד

אויף דער דאָזיקער זיצונג פון 6־טן מאַי האָט די קהילה אָנגענומען פאָלגנדיקע רעזאָלוציע וועגן די איבערגעלעבטע געשעענישן:

די יידישע קהילה אין ווילנע ערקלערט:

די ווילנער יידישע באַפעלקערונג איז ערשיטערט דורך די באַליידיקונגען, רויבערייען און הריגות, וועלכע זי האָט איבערגעלעבט אין די טעג פון דעם 19־טן אַפּריל און ווייטער און דורך די עינויים און ליידן, וועלכע טעראָריזירן אָן אַן אויפהער די יידישע באַפעלקערונג.

פיל אומשולדיקע יידן פון דער פרידלעכער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן אַבסאָלוט קיין שום שייכות ניט געהאַט צו דעם קאַמף פון דעם פוילישן מיליטער מיט די באָלשעוויקעס, זיינען דערהרגעט געוואָרן אָן אַ שום אויספאָרשונג און געריכט.

הונדערטער אומשולדיקע יידן, אָן אונטערשייד פון געשלעכט און עלטער, זיינען ביי זיך אין די וואוינונגען אָדער אויף די גאַסן אכזריותדיק געשלאָגן געוואָרן.

טויזנטער יידישע וואוינונגען זיינען צוראַבירט געוואָרן און אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אינגאַנצן פאַראָרימט געוואָרן.

טויזנטער אומשולדיקע יידן, צווישן זיי פיל אָנגעזעענע מיטגלידער פון דער יידישער באַפעלקערונג און וויכטיקע יידישע כלל־טוער, זיינען אָן שום יסוד אַרעסטירט געוואָרן, געשלאָגן געוואָרן און אַריינגעוואָרפן אין פאַרשיידענע תפיסות, וואו זיי זיינען געהאַלטן געוואָרן אָן עסן און טרינקען און וואו זיי האָבן איבערגעטראָגן די גרעסטע באַליידיקונגען. אַ גרויסער טייל פון זיי איז אָן אַ שום אויספאָרשונג און אויסוואַל אָפּגעשיקט געוואָרן קיין לידע, וואו זיי האָבן געהאַט אַריבערצוטראָגן די שרעקלעכסטע עינויים — פיזישע און מאָראַלישע — נאָכדעם זיינען זיי אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַ אומבאַוואוסטער ריכטונג. פאַרשיידענע אַנדערע גרופּן פון די אַרעסטירטע יידן זיינען פאַרמשפּט געוואָרן, אַרויסגעשיקט און אינטערנירט געוואָרן אָן שום באַווייזן

פון זייער שולד און אָן צו געבן זיי די מעגלעכקייט דערווייזן זייער אומשולד.

די דאָזיקע ערשיינונגען האָבן ניט אויפגעהערט אויך נאָכדעם, ווען די יידישע פאָרשטייער האָבן אינפאָרמירט די מאַכט וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין שטאָט.

אין דער באַפעלקערונג איז געשאַפן געוואָרן די פאָרשטעלונג, אַז אַלע יידן זיינען געשטעלט אויסער דעם געזעץ און מען קאָן מיט זיי טאָן, וואָס מען וויל, און דאָס האָט געשאַפן דעם באָדן פאַר אַנטיסעמיטישע פּאָגראָם-העצע און פּראָוואָקאַציע, וועלכע האָט אויסגענוצט פאַרשיידענע בלבולים קעגן יידן און האָט געזוכט צו מאַכן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער באָלשעוויסטישער פּאָליטיק, הגם דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט געליטן פון דער באָלשעוויסטישער פּאָליטיק פיל מער ווי אַנדערע טיילן פון דער באַפעלקערונג און הגם אין דער קאָמוניסטישער רעגירונג און אויך די אָנפירנדיקע קאָמוניסטישע שטעלעס האָבן דעם באַדייטנסטן אָרט פאַרנומען ניט-יידן.

די יידישע קהילה אין ווילנע דריקט אויס איר שאַרפסטן פּראָטעסט קעגן די שרעקלעכע עינויים, וועלכע די יידישע באַפעלקערונג האָט איבערגעלעבט פאַר די לעצטע טעג.

די יידישע קהילה פאָדערט:

1) ס'זאָל תיכף געמאַכט ווערן אַ סוף צו די רדיפות קעגן יידן, ס'זאָל פאַרזיכערט ווערן די יידישע אומבאַרירלעכקייט, דער יידישער כבוד, די יידישע האָב און גוטס און ס'זאָלן געשאַפן ווערן די רעכטלעכע באַדינגונגען, ביי וועלכע די יידישע באַפעלקערונג זאָל זיך קענען אומקערן צו איר פרידלעכע באַשעפטיקונגען.

2) ס'זאָלן תיכף אומגעקערט ווערן צוריק אַלע יידן, וואָס זיינען אָן אַ קלאָרן באַווייז אין זייער שולד אַרויסגעשיקט געוואָרן פון שטאָט.

3) ס'זאָלן געשאַפן ווערן געזעצלעכע גאַראַנטיעס, וואָס זאָלן געבן די אַרעסטירטע די מעגלעכקייט אויסצונוצן אַלע יורידישע מיטלען, כדי צו באַווייזן זייער אומשולד.

4) ס'זאָלן גלייך באַפרייט ווערן אַלע אַרעסטירטע, קעגן וועלכע עס איז ניטאָ קיין באַשולדיקונגס-מאַטעריאַל.

5) ס'זאָלן תיכף אָנגענומען ווערן מיטלען אויסצוזוכן די צעראַבירטע יידישע גוטס און באַשטראָפן די רויבער.

די יידישע קהילה אין ווילנע איז זיכער, אַז דאָס יידישע פאָלק אין ליטע וועט ניט אָפּשטעלן און ניט אָפּשוואַכן זיין קאַמף פאַר די יידישע בירגערלעכע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע רעכט, פאַר דעם נאַציאָנאַלן קיום און כבוד פון יידישן פאָלק.

די דאָזיקע רעזאָלוציע, וועלכע האָט ניט איבערטריבן די עינויים פון דער יידישער באַפעלקערונג, האָט שרעקלעך אויפגערעגט די פּאָליאַקן, און די מיטגלידער פון פוילישן קרייז-פאַרבאַנד אין ווילנע האָבן נאָך געהאַט אפילו די חוצפה אַרויסצוטרעטן מיט אַ עפנטלעכן פּראָטעסט קעגן דער קהילה, אין וועלכן עס איז געזאָגט געוואָרן:

„דער פּראָטעסט פון דער ווילנער יידישער קהילה איז כולו מיט סם און כעס קעגן די פּאָליאַקן און קען זיך אָפּרופן שעדלעך פאַר דער יידישער באַפעלקערונג גופא. חוץ דעם געפינען מיר, די פאַרזאַמלטע מיטגלידער פון דעם פוילישן קרייז-פאַרבאַנד אין ווילנע, פאַר נייטיק, צו ווענדן זיך צו דער געהעריקער מאַכט מיט אַ בקשה אָנצוקלאָגן אין געריכט די מחברים פון פּראָטעסט פון דער יידישער קהילה פאַר די רכילות קעגן פוילישן מיליטער און פוילישן פאָלק און פאַר אָנרייצן אויף אַזאַ אופן ניט נאָר די יידישע, נאָר אויך די





ליטווישע און ווייסרוסישע באַפעלקערונג קעגן יענע, וואָס האָבן באַפרייט ווילנע פון באָלשעוויסטישן באַפאַל".

די דאָזיקע רעזאָלוציע איז פונאַנדערגעשיקט געוואָרן דעם מלוכה-שעף יוזעף פּילסודסקי, דעם פּרעמיער-מיניסטער איגנאַצי פּאַדערעווסקי, ווי אויך דעם אַמעריקאַנער, ענגלישן, פראַנצויזישן און איטאַליענישן באַטשאַפטער אין וואַרשע.

דער „נאַש קראַי" — דער אָרגאַן פון די פוילישע דעמאָקראַטן — וואָס פלעגט טאַקע אין די לייטאַרטיקלען שרייבן וועגן „ברידערלעכקייט, פאַרשטענדיקונג און פרייהייט" און איז אין כראָניק ניט אָפּגעשטאַנען פון „דזיעניק ווילענסקי", האָט וועגן דער פּראָטעסט-רעזאָלוציע פון קהילה געשריבן אָט וואָס: „עמעצער, וואָס ווייס ניט דעם גאַנג פון די געשעענישן, עפּעס אַן אַמעריקאַנער אָדער אַן ענגלענדער, וואָלט געקאָנט מיינען אויפן סמך פון דער דערמאָנטער רעזאָלוציע, אַז די אומגליקלעכע ווילנער יידן זיינען אָן שום טעם געפייניקט געוואָרן דורך די פּאָליאַקן..."

די יידישע ציווילע באַפעלקערונג האָט זיך באַטייליקט אין די שלאַכטן, און די אונטערזוכונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין די יידישע הייזער, האָבן געגעבן אַלס רעזולטאַט מער ווי אַ צענדליק קוילנוואַרפערס, אַ גוואַלדיקע מאַסע געווער און אַמוניציע, און די יידישע קהילה בלאָזט כמעט-אַנדער די עקסצעסן ביז דער מאָס „פון עפּעס אַ פּאָגראָם, וואָס איז אין אמתן ניט פאָרגעקומען".

ביי אַזאַ האַלטונג אפילו מצד די פוילישע „דעמאָקראַטן" איז קיין וואונדער ניט, אַז די גאַנצע אַטמאָספערע איז געווען דורכגעדרונגען מיט יידן-האַס, און אַ רעסט פון ווילדער העצע, וואָס איז געפירט געוואָרן דורך דער פוילישער געזעלשאַפט קעגן יידן. וועלנדיק באַרעכטיקן דעם פּאָגראָם און אויפווייזן, אַז די יידן האָבן מיט זייער האַלטונג כשר פאַרדינט די „עקסצעסן", פלעגט די פוילישע און פאַראַנטוואָרטלעכע פּרעסע דערציילן פאַרשיידענע מעשיות, ווי אַזוי יידן האָבן געשאָסן אין פוילישן מיליטער, געגאָסן אויף אים הייס וואַסער, געוואָרפן אין אים מיט שטיינער, און נאָך אַזעלכע שקרים און בילבולים, כדי אַרויסצושטעלן די יידן אין די אויגן פון דער וועלט פאַר באָלשעוויקעס.

די פאַרשיידענע מגולומפּערטע מעשיות וועגן יידן פלעגן ווערן איבערגעגעבן פון מויל צו מויל און טיילמאָל אונטערגעהאַלטן דורך גלחים אין די קלויסטערס און דורך פינסטערע עלעמענטן, וואָס פלעגן העצן קעגן יידן. די פוילישע טעלעגראַפן-אַגענטור („פּאַט") פלעגט דאָס אַלץ צעשפּרייטן איבער דער וועלט, למשל, אַז אויף דייטשע גאַס זיינען געפונען געוואָרן צוויי לעגיאָנערן, דערהרגעטע דורך יידן און אַז מיט אַלע כוחות האָט זיך די מאַכט באַמיט איינצוהאַלטן די אויפרעגונג פון מיליטער קעגן יידן...

אַ פרומער וואונטש איז געבליבן דעם מלוכה-שעפס אויפרוף פון 22 אַפּריל, וואָס איז אויסגעקלעפּט געוואָרן אין די ווילנער גאַסן אין פויליש, יידיש, ליטוויש און ווייסרוסיש.

## צו די איינוואוינער

### פונם געוועזענעם ליטווישן פירשטענטום*)

אייער לאַנד געדענקט שוין קיין פרייהייט פון הונדערטער צעהנדליג יאָהר און איז געוועזען געדריקט דורך דעם רוסישען, דייטשען באָלשעוויסטישען געוואַלד האַט, וועלכער האָט אָנגעוואָרפען די באַפעלקערונג פרעמדע פאָרשריפטען פון בעגעהן, קעמפירענדיג דעם ווילען, שטענדיג ברעכענדיג דאָס לעבען.

---

*) סטיל און אויסלייגונג ניט געענדערט.

אָט דער צושטאַנד פון דער שטענדיגער שקלאַוועריי, וואָס איז מיר גוט בעקאַנט, ווי אַ געבאָרענעם אויף דער אומגליקליכער ערד, מוז איינמאָל פאַר אַלע מאָל אויפהערען, עס מוז דאָך אין דעם לאַנד, וואָס איז ווי דורך גאָט פערגעסען, הערשען פרייהייט און דאָס רעכט פריי זיך אַרויסצוזאָגען וועגען די שטרעבונגען און בעדערפענישען.

דאָס פוילישע מיליטער, וועלכעס איך האָב מיט מיר מיטגעבראַכט אַרויסצוואַרפען די געוואַלטסהערשאַפט און די אָנגעוואָרפענע רעגירונג — אָט דאָס מיליטער טראָגט אַייך אַלע גרויסע פרייהייט.

איך וויל אַייך געבען די מעגליכקייט צו לעזען די אינערליכע פראַגען פון נאַציאָנאַליטעטען און רעליגיעס אַזוי, ווי איהר אַליין וואונשט אַייך אָהן דעם דרוק פון פוילען.

און דעריבער, חאָטש ס׳דונערן נאָך אויף אַייער ערד די האַרמאַטען און ס׳גיסט זיך דאָס בלוט — פיהר איך ניט אַיין קיין מיליטער־פאַרוואַלטונג, נור אַ ציווילע, אין וועלכער ס׳וועלען אַריינגעהען מענשען פון דעם לאַנד.

די אויפגאַבע פון דער פאַרוואַלטונג וועט זיין:

1) מעגליך מאַכען דער בעפעלקערונג דאָס אַרויסזאָגען זיך וועגען זיין צוקונפט און געברויך דורך פרייגעקליבענע פערטרעטער. די וואַהלען וועלען אויסגעפיהרט ווערען אויף דעם גרונד פון גלייכע, געהיימע, אַלגעמיינע, אָהנמיטעלבאַרע, אָהן אונטערשייד פון געשלעכט, שטימונג.

2) דאָס לייזען די אַפראָוויזאַציאָנס־פראַגע דורך געבען הילף אינם עסענוואַרג, דאָס שטיצען אַרבייט, דאָס פאַרזיכערן די אָרדנונג און די רוהע.

3) דאָס בעשיצען אַלעמען אָהן אונטערשייד פון גלויבען אָדער נאַציאָנאַליטעט.

4) אין דער שפיץ פון דער פערוואַלטונג האָב איך געשטעלט הערר יערזשי אָסמאָלאָווסקי, איהר קענט אַייך ווענדען צו איהם ווי אויך צו די וואָס וועלען דורך איהם בעשטעטיגט ווערען.

ווענדען דאַרפט איהר זיך אָפען אין אַלע אַייערע געברויכען און אַלע הינזיכטען, וואָס טהוען אַייך וועה און געהערען אַייך אָן.

יוזעף פילסודסקי.

ווילנאָ, דעם 22 אַפּריל 1919

דער אויפרוף האָט ניט אויסגעלייזט די יידישע באַפעלקערונג פון הפקרות און נגישות. ניט נאָר פון צעבושעוועטן אויפגערייצטן מיליטער און המון אין די ערשטע טעג, נאָר אויך שפּעטער אין משך פון דער גאַנצער פוילישער אָקופּאַציע זיינען די יידן כסדר באַעוולט געוואָרן אין זייערע מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט.

יידישע יונגעלייט האָבן נאָך לאַנג געציטערט אַרויסצוגיין אויף דער גאַס אויס מורא צו ווערן אַרעסטירט. ס׳איז געווען גענוג, אַז אַ קריסט, אָדער אַ ייד אַ מסור (אין דעם פרט זיינען יידן געווען גלייכבאַרעכטיקט) זאָל אָנווייזן אויף איינעם, אַז ער איז אַ קאָמוניסט, מ׳זאָל יענעם אַרעסטירן אויף חדשים לאַנג ניט וויסן, וואוהין זיין געביין איז אַהינגעקומען.

אַריבערגיין די בריקן איז פאַר יידן געווען פאַרבונדן מיט סכנות נפשות, מ׳פלעגט ניט נאָר אַלץ צונעמען, נאָר אויך אָנשלאָגן, מ׳האָט ניט געשאַנעוועט אויך קיין אַנשטאַלטן. אַזוי צום ביישפיל, ווען פאַר די קראַנקע יידישע קינדער פון זווערינצער באַראַק פלעגט מען שיקן עסן, פלעגט מען דאָס אָן טענות צונעמען. אין אייניקע ערטער ווי אויף שקאַפלערנע פלעגט מען יידן איבערן





אַייזערנעם בריק ניט דורכלאָזן און די יידישע אַיינוואוינער פלעגן דאַרפן מאַכן יעדן טאָג צו עטלעכע איבעריקע וויאָרסט דורך נאָוויסוויאַט. נאָכדעם פלעגט מען שוין יידן דורכלאָזן מיט אַ דורכגאַנג־שיין פון דער מאַכט, וועלכע מ׳פלעגט באַקומען אין קאָמענדאַנטור פאַר 5 רובל אַ חודש. יעדער טאָג פלעגט ברענגען נייע פאַלן פון נגישות און הפקרות בנוגע יידן. אַזוי למשל, זיינען דעם 14 מאַי קיין יידן ניט דורכגעלאָזן געוואָרן אויף סטעפנגאַס, און געשלאָגן געוואָרן דורך פוילישע יונגעלייט מיט נאַגייקעס. די דערביי שטייענדיקע מיליציאָנערן האָבן זיך אפילו קיין ריר ניט געטאָן. מ׳פלעגט די יידן ניט לאָזן קויפן קיין עסנוואַרג ביי די דאָרפסלייט, צונעמען ביי די יידן די פּראָדוקטן, וואָס זיי פלעגן מיט זיך טראָגן.

לעגיאָנערן און מיליציאָנערן האָבן זיך געמאַכט אַ פרנסה פון כאַפּן אויף אַרבעט. מ׳פלעגט באַפאַלן יידן אויף דער גאַס, צווינגען זיי רייניקן שמוציקע ערטער, טראָגן שטיינער א. ד. ג. פאַרן פרוב אַרויסצומאַכן זיך, אָדער אָפּזאָגן זיך פלעגט מען קריגן געשלאָגן מכת רצח. אַזוי, צום ביישפיל, זיינען געכאַפּט געוואָרן יידישע יונגעלייט און געצוואונגען געוואָרן אויסצוגראָבן דעם באָלשעוויסטישן ברודער־קבר אין יעקאַטערינע־סקווער און אַרויסוואַרפן די קערפערס פון די קאָמוניסטן אַס און שימעלעוויטש, וואָס זיינען געפאַלן ביים פאַרכאַפּן די שטאָט דעם ערשטן מאָל דורך די פּאָליאַקן אין יאַנואַר 1919. ווען דער ברודער־קבר איז שוין געווען ליידיק, האָבן די סאָלדאַטן געכאַפּט אַ פאַרבייגייענדיקן ייד און אַריינגעוואָרפן אים אַהינצו. ווי דער ייד וואָלט אָפּגעשניטן איז אומבאַוואוסט, ווען בעת מעשה וואָלט ניט פאַרבייגעגאַנגען אַ ליטווישע דאַמע, פרוי ווילייש(י)ס, וואָס האָט זיך אָנגענומען פאַרן יידן, פאַרוואָס מ׳האָט איר אַ״ב געוואָלט געבן קלעפּ.

אויף די ווענדונגען פון די געליטענע נאָך הילף פלעגט מען פון זיי חוזק מאַכן און אָפטמאָל שלאָגן אויך. העכערע באַאַמטע פלעגן זיך מאַכן ניט וויסנדיק פון גאַנצן ענין. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ מעשה מיט אָנטאָן נגישות יידישע קרעמער. אַ פולע מיספאַרשטייענישן פלעגן אַרויסקומען דערפון, וואָס די קריסטן פלעגן צאָלן די יידישע קרעמער מיט ווערטלאָזע קערענקעס, אָנשטאָט צאַרישע רובלס, אויף וועלכע ס׳האָט זיך דאַן געפירט דער גאַנצער מסחר. ס׳האָט זיך באַוויזן אַ נייער מין „בעל צדקה“. לעגיאָנערן און ציווילע קריסטן פלעגן באַפאַלן די יידישע גאַסן־הענדלער, אַריינרייסן זיך אין די יידישע קראָמען, צונעמען ביי די יידישע קרעמער די סחורה און אָפּגעבן זי קריסטן. איבערהויפּט האָבן געליטן די קרעמער פון האַלע. ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז די יידישע קרעמער פון האַלע האָבן זיך געווענדט דורך דער קהילה צו דער מאַכט מיט אַ בקשה, צו האַלטן אין „האַלע“ אַ שטענדיקע שמירה.

סאָלדאַטן פלעגן אַרומגיין איבער די גאַסן, שלאָגן יידן, שמייסן זיי אויפן מיטן גאַס, עלטערע, יונגע, פרויען, קינדער, פאַר אַ גרויסן עולם קריסטן, וואָס האָבן געקוואָלן פון נחת. איינע אַ פרוי האָבן זיי אַזוי צעשלאָגן, אַז זי איז געפאַלן אונטער זייערע קלעפּ.

דעם נסיון אָנצוטאָן יידן צרות פלעגן ניט קענען ביישטיין אויך די קראַנקע לעגיאָנערן (פון לאַזאַרעט אויף פּאָהולאַנקע). זיי פלעגן מכבד זיין די דורכגייענדיקע יידן מיט שטיינער, פלעשער און אַנדערע זאַכן, פאַרוואונדעט אייניקע צענדליק יידן — און אַנדערע אפילו גאַנץ שווער.

מ׳פלעגט זיך איזדיעקעווען ניט נאָר איבער לעבעדיקע, נאָר אויך איבער טויטע. אַזוי, צום ביישפיל, האָבן פוילישע קינדער דעם 8 מאַי אָפּגעשטעלט אַ לוויה ביים גרינעם בריק, און געהייסן דעם מיליציאָנער אויפרייסן דעם ארון און זוכן דאָרטן באָמבעס.

זייער פיל איז אויסגעקומען אויסצושטיין דעם אַלטן שניפּיטקער בית=עלמין, איינעם פון די גרעסטע היסטאָרישע מערקווירדיקייטן פון ירושלים דליטע, פון וועלכן ס׳ווייט מיט גרויער אַלטקייט. דער דאָזיקער בית=עולם, וואָס איז אַלט העכער 400 יאָר, וואו ס׳ליגט די יידישע גילדערנע פּאָן, וואו ס׳האָבן געפונען זייער אייביקע רו גאונים וגדולים פון לאַנגע דורות, האָט שוין איבערגעלעבט פאַרשיידענע קריטישע צייטן; איבערהויפּט איז ער געשטאַנען אין געפאַר חרוב צו ווערן בעת דער וועלט=מלחמה, אָבער אפילו די צאַרישע רעגירונג האָט ניט געקענט ביי זיך פועלן, דאָס, צו וואָס ס׳איז דערגאַנגען בעת דער פוילישער אָקופּאַציע. די שטיבלעך, וואָס זיינען אַ זכר פון אַמאָליקער ווילנער גרויסקייט, זיינען צעבראָכן און געעפנט געוואָרן, די הייליקע קברים פאַרשוועכט און געשענדט, אויף דער אדמת קודש האָבן זיך געפיטערט בהמות, פערד, חזירים. די הילצערנע מצבות האָט מען פאַרברענט, די שטיינערנע צעהאַקט, דעם פאַרקאַן צענומען, פון גאונס שטיבל און ר׳ משה קרעמערס קבר האָט מען אַראָפּגעריסן די דעכער; פון דעם בוים איבערן גר=צדקס קבר האָט מען אַראָפּגעזעגט צוויי צווייגן. אויף די קברים פון די צדיקים הרב ר׳ שמעון הזקן, ר׳ זלמן וואָלאָזשינער, ר׳ שלמה מווילקאָמיר, ר׳ זלמן שטאָט=מגיד און ר׳ אליהו פּעסעלעס, וואָס ליגן אַלע צוזאַמען, איז געמאַכט געוואָרן אַ בית=הכסא פאַר די דורכגייער.

אויף דער השתדלות פון דער קהילה האָט די מאַכט אפילו יאָ צוגעזאָגט אַריינצומישן זיך, אָבער דאָס האָט ווייניק געהאָלפן, ווייל דער עולם איז שוין געווען צופיל דעמאָראַליזירט.

איינע פון די וויכטיקסטע עובדות פון דער ווילנער קהילה אין „יענע טעג”, איז געווען די השתדלות, צו באַפרייען און פאַרגרינגערן דעם גורל פון די אַרעסטירטע, וואָס זייער לאַגע איז געווען ממש ניט צו פאַרטראָגן.

דער גורל פון די אַרעסטירטע איז די ערשטע צייט אינגאַנצן געלעגן אין די הענט פון די מיליציאָנערן. די אַרעסטירטע יידן פלעגן לויטן קאָמענדאַנטס באַפעל געשמיסן ווערן. 30—40 אַרעסטירטע פלעגן זיך אויפהאַלטן אין איין צימערל און שלאָפן אויף דער ערד.

ברויט פלעגט מען טיילן נאָר די קריסטלעכע אַרעסטירטע, די יידישע — ניט. דאָס עסנוואַרג, וואָס מ׳פלעגט צושיקן פון דער היים פלעגט מען אויך צונעמען ביי די יידישע אַרעסטירטע און אָפּגעבן די קריסטן. אויב מ׳פלעגט זיי געבן אַמאָל צו שטילן דעם הונגער — הערינג, פלעגט מען זיי אָבער בשום אופן ניט געבן קיין וואַסער.

פאַר הונגער פלעגן די אַרעסטירטע פאַרקויפן זייערע בגדים און אָנטאָן זיך אין טראַנטעס און פאַר דעם באַקומענעם געלט קויפן עפּעס עסן. אין אַנדערע ערטער, וואו דער רעזשים איז שוין געווען אַ „מילדערער”, פלעגט מען געבן עסן נאָר איינמאָל אין טאָג אַ ביסל שיטערע זופּ, דערביי אויסטיילן דאָס געדיכטערע פון אונטן די קריסטלעכע אַרעסטירטע און די יידישע — געבן די זופּ פון אייבן.

ביי אַ סך יידישע אַרעסטירטע פלעגן די מיליציאַנטן און לעגיאָנערן מיט געוואַלד אַראָפּציען די שיך, צונעמען די בגדים, די אונטערוועש און די אַרעסטירטע פלעגן בלייבן נאַקעט און באָרוועס. דערביי פלעגן שטיין פאַראַנטוואָרטלעכע באַאַמטע, ווי די געהילפס=קאָמענדאַנטן, די אויפזעער, און שמייכלען. די יידישע אַרעסטירטע פלעגט מען שלאָגן מיט נאַגייקעס, מיט ריטער, שפּייען אין פנים, זידלען זיך, פּאַטשן זיך. באַקלאָגן זיך האָט מען ניט געקאָנט, ווייל ערשטנס איז ניט געווען פאַר וועמען, און צווייטנס — פאַר מורא. פאַר יעדער קלייניקייט פלעגט מען שמייסן, אָנטאָן עינויים און מאַנכע האָבן עס ניט אויסגעהאַלטן. איינער פון די אַרעסטירטע דרייזנשטאָק, איז דערשאָסן געוואָרן פאַר



ניט אָפּגיין פון פענסטער פון לוקישקער טורמע. פאַרביי די פענסטער פון לוקישקער טורמע פלעגן קליינע שקצים אָפּט שיסן, כדי צו שרעקן די אַרעסטירטע.

לא די, וואָס די יידישע אַרעסטירטע פלעגן הונגערן, פלעגט מען זיי צווינגען שווער צו אַרבעטן. דעם 23 מאַי האָבן אויף פּאָרטאָווע 5 געאַרבעט עטלעכע יידישע אַרעסטירטע פון סווענציאַן ביים איבערטראָגן מעבל, און איינער פון זיי איז געפאַלן פון הונגער, ווייל ער האָט שוין 5 טעג נאָכאַנאַנד גאָרנישט געגעסן. ווען די איבעריקע האָבן זיך געווענדט צו די אַרומיקע שכנים מיט אַ בקשה איבערגעבן, אַז זיי זיצן אויף געאָרג=פּראָספּעקט 8 און אַז זיי הונגערן, האָט דער אָפיציר געדראָט צו שיסן יעדערן, וואָס וועט מיט זיי אויסריידן אַ וואָרט. אייניקע יידישע אַרעסטירטע, פון ווילייקע, זיינען צוגעבונדן געוואָרן צו די פערד און געדאַוופט נאָכלויפן אַזוי אַ וויאָרסט 10. די קריסטלעכע באַפעלקערונג פלעגט פון אַזעלכע סצענעס שטאַרק הנאה האָבן.

צוליב דעם הונגער און אַנטי=סאַניטאַרן צושטאַנד איז אויסגעבראָכן טיפוס און אַנדערע קראַנקהייטן. די קראַנקע זיינען ניט געווען איזאָלירט פון די געזונטע, האָבן די עפּידעמיעס אָנגענומען אַ שרעקלעכן כאַראַקטער. דאָס אַלץ: דער שרעקלעכער רעזשים, די עינוים, די נגישות, דער אַנטי=סאַניטאַרער צושטאַנד, דער הונגער האָט געבראַכט דערצו, אַז אַ סך אַרעסטירטע זיינען אויסגעשטאָרבן אין די טורמעס. ביים באַפרייען פלעגט מען אָנשטאָט דעם קאָנפיסקירטן צאַרישן געלט אומקערן קערענקעס.

די צאָל יידישע אַרעסטירטע אין די ערשטע עטלעכע טעג נאָכן אַריינגיין פון פוילישן מיליטער האָט דערגרייכט אין די טויזנטער, צווישן זיי זיינען אויך געווען לייב יפה און שמואל ניגער, וואָס זיינען אָפּגעפירט געוואָרן אויפן וואָקזאַל, און ברוטאַל באַהאַנדלט געוואָרן. שפּעטער איז אַרעסטירט געוואָרן דער באַקאַנטער טוער פון די „פאַראייניקטע” מ. גוטמאַן, וואָס איז בעת דער אויספאָרשונג מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן, הגם ס׳זיינען געווען הונדערטער ידיעות וועגן זיין נעגאַטיווער באַציאונג צו די באָלשעוויקעס. צווישן די אין קאָמוניזם באַשולדיקטע אַרעסטירטע זיינען געווען טויב=שטומע און אויך אַ 73 יאָר קערייד נח״ם שובאָליס, וואָס איז אָפּגעזעסן פון אַפּריל ביז סעפּטעמבער, אָן שום אויספאָרשונג. ערשט אין אָנהייב סעפּטעמבער האָט די אויספאָרשונג=קאָמיסיע ביי דער לוקישקער טורמע באַטראַכט זיין ענין, שטאַרק זיך געוואונדערט, און באַפרייט אָפּשיקנדיק אים צום ראַבינער.

די אומשולדיקע אַרעסטירטע פלעגט מען נאָך אויסנוצן אַלס מיטל צו קאָמפּראָמעטירן די יידן. אַזוי, למשל, ווען אין אַ היגן קינעמאַטאָגראַף איז געגאַנגען אַ בילד „לעמבערג—ווילנע”, האָט זיך אַ היגער איינוואוינער דערקאָנט אין טייל פון דעם בילד, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען: „די ווילנער באָלשעוויקעס, וואָס מ׳האָט געכאַפּט בעת זיי האָבן געשאָסן פון די פענסטער אין פּוילישן מיליטער”, הגם דאַן איז דער דאָזיקער ייד גאָר געזעסן אַרעסטירט. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז אַ קאָמפּאַניע יידן, וואָס זיינען אַרעסטירט געוואָרן פאַרן גיין איבערן גאַס שפּעטער פאַר דער באַשטימטער צייט, האָט מען אַריינגעפירט אין אַ הינטערהויף אויף דאָמיניקאַנער גאַס אונטער אַ שמירה פון סאָלדאַטן און מיליציאָנערן, מ׳האָט זיי אַלעמען אויסגעשטעלט אין אַ ריי און אַנטקעגן זיי סאָלדאַטן און מיליציאָנערן מיט אָנגעלאָדענע ביקסן, אָנגעשטעלטע אויף זיי, און אין אַזאַ פּאָזע האָט מען זיי פאָטאָגראַפירט פאַרן פילם.

אַזוי פלעגט מען אויסנוצן אַלע מיטלען, פאַלסיפיצירן פאַרשיידענע ידיעות, אַרטיקלען פון דער יידישער פּרעסע, נאָר צו קאָמפּראָמעטירן די יידן.

די ערשטע צייט זיינען געשאַפן געוואָרן אויספאָרשונגס=

קאָמיסיעס פון אָרטיקע טוער, וואָס האָבן געדאַרפט וואָס גיכער דורכפירן זייער אַרבעט און באַפרייען די אומשולדיקע. ווי נאָר אָבער ס'איז געקומען קיין ווילנע די פוילישע זשאַנדאַרמעריע איז די לאַגע אַ סך פאַרערגערט געוואָרן און אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער. די זשאַנדאַרמעריע האָט באַלד אָנגעהויבן פאַרשמעלערן די קאָמפּעטענץ פון די קאָמיסיעס. לכתחילה האָט די זשאַנדאַרמעריע אָנגעוויזן, אַז די קאָמיסיעס קאָנען בלויז באַטראַכטן און אַנטשיידן די לאַגע פון די אַרעסטירטע, וועלכע די זשאַנדאַרמעריע אַליין וועט איבערגעבן אין רשות פון די קאָמיסיעס; די זשאַנדאַרמעריע האָט אָבער זייער ווייניק מענטשן איבערגעגעבן אין רשות פון די קאָמיסיעס. מיטדערצייט איז אָנשטאָט צוויי אויספאָרשונגס-קאָמיסיעס געשאַפן געוואָרן נאָר איינע. שפּעטער האָט מען די קאָמיסיעס אינגאַנצן מבטל געמאַכט, די אַרעסטירטע, וואָס זייערע ענינים זיינען אויסגעפאָרשט געוואָרן דורך דער קאָמיסיע, אָדער אפילו דורך דער זשאַנדאַרמעריע און אָנערקענט געוואָרן פאַר אומשולדיק, זיינען אויך ניט באַפרייט געוואָרן.

דער גורל פון די אַרעסטירטע איז אינגאַנצן אָפּהענגיק געווען פון דער דעפענסיווע ביי דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג. הונדערטער אַרעסטירטע, וועגן וועלכע ס'איז ניט געווען קיין ידיעות ניט ביי דער זשאַנדאַרמעריע, ניט ביי דער „דעפענסיווע", האָבן געשמאַכט אין די טורמעס חדשימווייז, ס'זיינען געווען אויך פאַלן, ווען אַרעסטירטע האָבן געהאַט אָפיציעלע שיינען פון דער דעפענסיווע און פון דער זשאַנדאַרמעריע, אַז מצד זיי איז ניטאָ קיין מניעה צו באַפרייען זיי, מחמת קיין באַשולדיקונגס-מאַטעריאַל קעגן זיי איז ניטאָ, כּונדעסטוועגן זיינען אַ סך אַזעלכע אַרעסטירטע געהאַלטן געוואָרן אין די תּפיסות, ווייל ס'איז ניט געווען באַוואוסט, ווער האָט צו זאָגן איבער זייער גורל און געבן אַן אָרדער צו זיי באַפרייען.

דערביי פלעגן פאָרקומען מאָדנע ניט געהערטע זאַכן. ציווילע פערזאָנען פלעגן געמשפט ווערן דורכן קריגס-געריכט. ניט די מאַכט פלעגט אויפווייזן, אַז דער אַרעסטירטער איז שולדיק, נאָר דער אַרעסטירטער פלעגט דאַרפן ברענגען ראיות, אַז ער איז אומשולדיק. האָט דער אַרעסטירטער געהאַט אַ באַגלויבטן עדות, אַ קרוב, אַ גואל, אַ גוטן פריינד, פלעגט דאָס נאָך אַמאָל העלפן. אַזוי אָבער ווי אַ גרויסער טייל פון די אַרעסטירטע איז באַשטאַנען פון מענטשן, וועלכע מ'האָט אין שטאָט ניט געקענט, אָדער זייערע עדות זיינען געווען ניט קיין אָנגענומענע ביי דער מאַכט, איז זייער לאַגע געווען זייער אַ טרויעריקע.

נאָך ערגער איז געווען דער גורל פון די אַרויסגעשיקטע אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן. אַ סך אַרעסטירטע זיינען פאַרשלעפּט געוואָרן קיין לידע, ביאַליסטאָק, קראָקע, שטשאַלקאָוו, קאַליש, דאָמביע, סלופּצי, פּויזן א. אַנד. מקומות, וואו מ'פלעגט זיך באַגיין מיט זיי אויפן אכזריותדיקסטן אופן, און אַ פולע האָבן אין די לאַגערן געפונען זייער קבר, הגם די אויספאָרשונגס-קאָמיסיע האָט דערוויזן, אַז כמעט אַלע זיינען זיי געווען אומשולדיק. אַ צייט נאָכאַנאַנד איז ניט געווען באַוואוסט, ווי גרויס איז זייער צאָל און וואוהין די אַרעסטירטע זיינען אַהינגעקומען, ווייל זיי פלעגן אַרויסגעשיקט ווערן אָן רשימות, נאָר מיט אַ צעטל — וויפיל קעפּ!

די קהילה האָט געזען ווי ווייט מעגלעך צו באַזאָרגן זיי מיט קליידער און מיט עסן און פאַרגיכערן די אויספאָרשונג פון זייערע ענינים. סוף-כל-סוף האָט זיך איר איינגעגעבן צו פועלן ביי דער מאַכט אין וואַרשע, אַז עס זאָל געבילדעט ווערן אַ קאָמיסיע פון 2 יידן — ה"ה ז. קליינשטיין און סוויִרסקי און אַ פּוילישן פאָרשטייער ה' שענפעלד, וואָס האָבן געהאַט די פולמאַכט אויסצופאָרשן אין דער געגנוואַרט פון אַ מיליטערישן באַאַמטן די אינטערנירטע און באַפרייען די אומשולדיקע. דאָס האָט אין אַ גע-





וויסער מאָס געהאָלפן און אין אַ משך פון עטלעכע חדשים איז אַ גרויסע צאָל אַרעסטירטע באַפרייט געוואָרן. ניט גרינג איז אָנגעקומען זייער באַפרייאונג. ס'איז געווען פאַלן, ווען די אַרעסטירטע זיינען אָפיציעל באַפרייט געוואָרן, נאָר צוליב שטערונגען מצד דער זשאַנדאַרמעריע האָבן זיי ווייטער געשמאַכט אין די טורמעס.

מוראדיקע עינוים פלעגן אָנגעטאָן ווערן די באַפרייטע, ווען זיי פלעגן זיך אומקערן פון ביאַליסטאָק קיין ווילנע. זייער וועג איז פול געווען מיט נגישות און עינוים קשים. דער עיקר פלעגט זיי אויסקומען צו ליידן אין לידע. קיין שפייז פלעגן זיי ניט באַקומען אונטערן אויסרייד, אַז זיי פאָרן כלומרשט מיט פאַלשע שיינען; פלעגט מען זיי אַרויסוואַרפן פון די וואַגאָנעס און שלאָגן דערביי; ווען פאַר זיי האָט זיך איינמאָל איינגעשטעלט אינזשעניער זאַשטאָווט (דער פירער פון די ווילנער פּ. פּ. ס.) איז ער געשלאָגן געוואָרן פון די זשאַנדאַרמען און באַשולדיקט געוואָרן אין באָלשעוויזם. אויף יעדער סטאַנציע פלעגן די באַפרייטע האָבן אויסצושטיין נייע גזירות. מ'פלעגט אַרויסטרייבן און הייסן גיין קיין ווילנע צופוס א. ד. ג.

ניט געקוקט אויף די פאַרזיכערונגען פון דער העכערער מאַכט אָנצונעמען מיטלען קעגן דער הפקרות, האָט עס דאָך ניט אויפגעהערט און אפילו פון צייט צו צייט זיך געשטאַרקט. אַזוי צ. ב. האָבן סאָלדאַטן די גאַנצע צייט מאַרשירנדיק איבער די גאַסן, געזונגען פאַרשיידענע העצע-לידער קעגן יידן. די יידישע אינטערעסן פלעגן אָפּטמאָל באַעוולט ווערן פון דער מאַכט גופא. די יידישע שפּראַך, אויף וועלכער ס'פלעגן אַרויסגיין די ערשטע צייט די באַקאַנטמאַכונגען און פאַראָרדענונגען, איז נאָך דעם איגנאָרירט און אפילו גערודפט געוואָרן. יידישע אונטערשריפטן זיינען ניט אָנערקענט געוואָרן, בריוו אין יידיש פלעגן ניט אָנגענומען ווערן. קיין פּאַפּירן פון דער קהילה פלעגן ניט אָנגענומען ווערן אין 1 צירקל, געחתמעט מיט אַ יידישן שטעמפּל. ווען פאָרשטייער פון דער קהילה האָבן זיך וועגן דעם געווענדט צום קאָמיסאַר פון צירקל, האָט ער זיי געענטפערט, אַז ער איז קעגן דעם, אַז יידיש זאָל באַנוצט ווערן אין אָפיציעלע אַנשטאַלטן, סייזן געשריבן אין לאַטיינישע אותיות, אינדערצייט ווען אוקראַיניש איז אָנערקענט געוואָרן פאַר איינע פון די אָרטיקע שפּראַכן (בעת קיין אוקראַינער איז אין ווילנע און געגנט אויף אַ „רפואה" ניטאָ). יידישע בריוו קיין ווילנע פלעגן גיין צו 2—3 חדשים, בשעת ווען רוסישע בריוו פון דער זעלבער שטאָט פלעגן אָנקומען אין עטלעכע טעג אַרום. אַזוי, למשל, האָט אַ יידישער בריוו פון יעקב דינעזאָן ז"ל פון וואַרשע צו אַנסקין ז"ל קיין ווילנע געדויערט פערטהאַלבן חדשים. יידישע באַקאַנטמאַכונגען זיינען אויסגעקלעפּט געוואָרן נאָר דאַן, בעת מ'האָט געדאַרפט אָנקומען צו יידן, למשל — די באַקאַנטמאַכונג צו די בעלי-בתים פון הייזער, זיי זאָלן אונטערשרייבן אַ גאַראַנטיע אויף אַ הלוואה; אויך אין דער קאָמיסיע אויף דורכצופירן די הלוואה זיינען אויף 2 קריסטן אויסגעקליבן געוואָרן דווקא 3 יידן. זונטאָג פלעגט מען צווינגען צו האַלטן פאַרמאַכט די געשעפטן, עס זיינען אויך געווען פאַלן פון אַרונטערנעמען יידישע שילדן.

אויף דער פּלענאַרער זיצונג פון דער קהילה דעם 22 מאַי 1919, איז געקומען אַ פאָרשטייער פון דער מאַכט און פאַרווערט פירן די פאַרזאַמלונג אויף יידיש. די זיצונג איז ניט צושטאַנד געקומען, און די מאַכט, באַגעגענענדיק מצד דער קהילה אַ פעסטן ווערדיקן ווידערשטאַנד, האָט דעם פאַרבאָט צוריקגעצויגן און זיך פאַרענטפערט מיט אַ מיספאַרשטייעניש.

די מיליטערישע פאָרצענזור, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן דעם 22 יולי, האָט איינגעצאַמט די יידישע פרעסע, און דערשטיקט יעדן פרוב צו פאַרצייכענען די פאַלן פון נגישות און הפקרות.

די פוילישע מאַכט, וואָס האָט פאַרכאַפּט אויפן באַן אַ פולע פּראָדוקטן איבערגעבליבענע פון די באָלשעוויקעס האָט זיי לכתחילה פאַרטיילט צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג; נאָכדעם — שוין כּלומרשט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אויך. דערביי זיינען די יידן שטאַרק באַעוולט געוואָרן. די ווייצענע מעל, וואָס איז אָנגעקומען פאַר דער באַפעלקערונג פון אַמעריקע, איז ווידער ניט יושרדיק פונאַנדערגעטיילט געוואָרן, דאָסגלייכן איז געווען מיט אַנדערע פּראָדוקטן. די שפּייז־קאַרטן פון די ביוראָען פלעגן אָנקומען די יידן כּקריעת ים־סוף, אַרויסגעגעבן ווערן מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער, בעת קיין פּראָדוקטן איז שוין ניט געווען. אייניקע שטאָטישע קראָמען פלעגן זיך אינגאַנצן אָפּזאָגן אַרויסצוגעבן די יידן פּראָדוקטן, מאָטיווירנדיק עס דערמיט, אַז יידן ווען דערמיט ספּעקולירן.

צו קיין אַרבעט אין מלוכהשאַפטלעכע און שטאָטישע אינסטיטוציעס זיינען יידן די גאַנצע צייט ניט צוגעלאָזט געוואָרן, אפילו אין מיליציע זיינען קיין יידן ניט אָנגענומען געוואָרן. די יידן, וואָס זיינען שוין פריער געווען באַשעפטיקט, זיינען אָפּגעזאָגט געוואָרן ווי צ. ב. די 600 יידישע באַן־אַרבעטער. דער איינציקער יידישער פעלדשער פון טורמע־שפּיטאָל, וואָס האָט שוין דאָרטן געדינט אַ לאַנגע צייט, איז דורך דער אַדמיניסטראַציע אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זיין שטעלע מיטן תּירוץ, אַז מ'מוז פאַרקלענערן דעם פּערסאָנאַל פון שפּיטאָל, הגם גלייך נאָך זיין אַוועקגיין האָט מען אויף זיין אָרט צוגענומען אַ פוילישן פעלדשער. די יידישע טרעגער און הענדלער אויפן באַן, פלעגט מען לויט אַ פאַראָרדענונג ניט אַרויסגעבן קיין נומערן. די יידישע הענדלער לעבן באַן, פלעגן אַוועקגעטריבן ווערן און זייער אָרט פלעגן פאַרנעמען קריסטן. אויפן שלאָסבאַרג האָט מען קיין יידן אַ צייט נאָכאַנאַנד ניט אַרויפגעלאָזן (אמת די יידן האָבן ניט אַרויסגעוויזן קיין באַזונדער חשק צו גיין אַהין, מורא האָבנדיק פאַר „סיור־פריזן”).

זעענדיק די באַציאונג פון דער מאַכט צו די יידן, און אַז די אַלע אומגעזעצלעכקייטן בנוגע יידן בלייבן אומבאַשטראָפט, האָט זיך די פוילישע באַפעלקערונג געמאַכט אַ היתּר. די מוטיקע שטים פון דער יידישער פּרעסע, וואָס פלעגט ניט פאַרשווייגן קיין עוולה, ניט געקוקט אויף די „אומאָפּהענגיקע” סיבות, די דרייסטע האַלטונג פון דער קהילה פלעגן אָפּטמאָל צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון די מאַכטהאָבער, וואָס פלעגן ניט קאַרגן קיין צוזאָגן אָנצונעמען ענערגישע שריט קעגן די אָרדענונגסברעכער; דאָס פלעגט אָבער זעלטן העלפן; די אַלע שיינע הויכע ווערטער „אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט און גלויבן” זיינען געבליבן נאָר אַ פוסטער קלאַנג.

און דער שווערער אַטמאָספער פון רעכטלאָזיקייט, באַגרעניצונגען און נגישות איז אַ שטיקל טרייסט געווען די ברידערלעכע הילף פון די אַמעריקאַנער יידן. דעם ערשטן לעבעדיקן גערוס פון אונזערע ברידער מעבר לים האָט געבראַכט דער שריפטשטעלער שלום אַש. דעם 23 מאַי, איז ער אָנגעקומען פון קאָוונע אין שליחות פון אַמעריקאַנער הילפס־קאָמיטעט און געבראַכט אַ סומע פון 450 טויזנט אָסטמאַרק. נאָך אים זיינען שוין אָנגעקומען אויך אַנדערע דעלעגאַטן פון אַמעריקע, אַדאַנק וועלכע ס'איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ קאָנטאַקט צווישן ליטווישן און אַמעריקאַנער יידנטום, ס'האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען בריוו, געלט, שיפסקאַרטן, וואָס האָט געלינדערט די גרויסע נויט פון דער יידישער באַפעלקערונג.

ביסלעכווייז איז די טעראָר־שטימונג געוואָרן שוואַכער. יידן האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגיין אין גאַס, עפענען די געשעפטן, אונטערהאַנדלען. מ'האָט זיך בכלל אָנגעהויבן „איינצולעבן” מיט די צרות.



דעם 13 יוני איז געקומען קיין ווילנע דער אַמבאַסאַדאָר פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג אין וואַרשע ה' גיבסאָן. ער האָט איינגעלאַדן צו זיך דעם פּאָרזיצער פון דער יידישער קהילה ד"ר שאַבאַד און געהאַט מיט אים אַ לענגערן געשפּרעך דורך דעם דאָלמעטשער ד"ר באָגען וועגן די געשעענישן אין ווילנע. ער האָט דאַן באַזוכט די קהילה און פאַרבעטן צו זיך די ה"ה ל. יפה און ש. ניגער, וועגן וועלכע עס זיינען אָנגעקומען דרינגלעכע אָנפראַגעס פון אַמעריקע און אייראָפּע, וואו מ'האָט געהערט וועגן זייער אַרעסט און מורא געהאַט פאַר זייער לעבן.

נאָכן באַזוך אין ווילנע, האָט גיבסאָן אין זיין ראַפּאָרט דערקלערט, אַז די פּאָגראָם־באַריכטן זיינען שטאַרק איבערטריבן, די עדות וואָס ער האָט אויסגעהערט, האָבן זיך סותר געווען, די יידן האָבן ניט אַלעמאָל געגעבן פולע אינפאָרמאַציעס; די אַרעסטירטע זיינען נאָך אַ אויספאָרשונג דורך אַ קאָמיסיע באַפרייט געוואָרן; אין ווילנע איז קיין שחיטה אויף יידן ניט געווען; די שטאָט איז פאַרנומען געוואָרן דורך די פּאָליאַקן אין קאַמף פון הויז צו הויז און אייניקע מענטשן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג זיינען געהרגעט געוואָרן בעת דער דאָזיקער שלאַכט; דאָס פוילישע מיליטער האָט געהאַט 35 געפאַלענע און פון דער ציווילער באַפעלקערונג זיינען דערהרגעט געוואָרן 38 פּערזאָן.

די פוילישע פּרעסע האָט אויסגעניצט פאַר אירע צוועקן דעם ראַפּאָרט פון באָטשאַפטער. „קוריער פּאָלסקי” האָט געבראַכט אַזאַ ידיעה:

„דער באַריכט, וואָס דער באָטשאַפטער גיבסאָן האָט איבערגעשיקט זיין רעגירונג, איז געווען אונטערגעשריבן אַחוץ אים אויך פון ד"ר באָגען, אַן אַמעריקאַנער ייד און פּאָרזיצער פון דעם קאָמיטעט פונאַנדערצוטיילן די אַמעריקאַנער מתּנות, ווי אויך דורכן פּאָלקאָווניק וואַלטער באַרליי, אַ אויסגעפּרובטן יידנפריינד און פּאָרויצער פון אַמעריקאַנער רויטן קרייץ אין פוילן. די דאָזיקע הערן האָבן צווישן אַנדערן דערקלערט, אַז אין ווילנע איז קיין שום פּאָגראָם ניט געווען, הגם ביים פאַרנעמען די שטאָט זיינען געהרגעט געוואָרן עטלעכע יידן. מ'דאַרף באַמערקן, אַז דער באַריכט איז אָנגעשריבן געוואָרן אויסשליסלעך אויפן יסוד פון דערקלערונגען פון די ווילנער ייד. די פליכטן פון אַ דאָלמעטשער האָט דערביי דערפילט ד"ר באָגען אַליין”.

מ'קען זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ רושם די דאָזיקע טענדענציעזע ידיעות האָבן געמאַכט אויף דער יידישער באַפעלקערונג. און הגם ד"ר באָגען האָט אָפּגעלייקנט, אַז ער האָט ווען ס'איז אַזאַ באַריכט אונטערגעשריבן, האָט דאָך דער פוילישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט, וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו רעאַביליטירן פוילן פון דער פּאָגראָם־שאַנדע, זיך אָן גיבסאָנס באַריכט אָנגעכאַפּט און געאַרבעט אויף אַלע כּלים ריינצוּוואַשן פוילן פון דער ווילנער שאַנד.

די נגישות און באַליידיקונגען האָבן דערווייל געדויערט ווייטער, אמת שוין ניט אין אַזאַ מאַסשטאַב, ווי אין די ערשטע טעג.

דעם 17 יוני איז די וואַך פון גרינעם בריק באַפאַלן דעם לאַנדוואָראָווער רב, אָפּגעשפּיליעט אים די קאַפּאָטע און גענומען אַרויסרייסן ביי אים די ציצית פון טלית־קטן. פאַר זיינע געשרייען האָט מען אים שטאַרק צעשלאָגן.

דעם 18 יוני ביינאַכט זיינען לעגיאָנערן געקומען אויפן בית־עולם און זוכנדיק געווער, גאָלד האָבן זיי געצוואונגען די קברות־לייט אויפצוגראָבן די פרישע קברים, האָבן אויפגעריסן די אַרונות, אַראָפּגעריסן די תּכריכים און פאַרשטייט זיך... גאָרניט געפונען.

דעם אייגענעם טאָג איז באַפאַלן געוואָרן די יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניע ניי־זשוראַוויצי פון דער געזעלשאַפט

„אָרט“ (אויפן ווערקער טראַקט), פאַרשפּאַרט דעם פאַרוואַלטער אין אַ שטאַל און אין משך פון 1½ שעה געצוואונגען אים צו שפּרינגען איבער אַ קופּע מיסט מיט אויפגעהויבענע הענט, דראָענדיק אים די גאַנצע צייט מיט אַ שווערד.

אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניע ווּעליטשאַני פלעגן כסדר דורכגעפירט ווערן רעקוויזיציעס. איינמאָל האָט מען צוגענומען 500 פּוד היי, האָט מען דעם פאַרוואַלטער געצוואונגען אונטערצושרייבן זיך, אַז ער האָט באַקומען באַצאָלט דערפאַר. אויף יידן פלעגן ווייטער געמאַכט ווערן פאַרשיידענע בילבולים.

אַזוי, צ. ב., האָט די קאָנפערענץ פון די גוטבאַזיצער, וואָס איז פאָרגעקומען סוף מאַי, צווישן אַנדערן אויך אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, צו פועלן ביי דער מאַכט, זי זאָל באַפרייען די גוטבאַזיצער פון שטייערן אויפן לעבעדיקן אינווענטאַר, ביז וואַנען ס'וועלן זיך איינשטעלן נאָרמאַלע באַדינגונגען, ווייל די שטייערן רופן אַרויס אַ מאַסן־פאַרקויף פון אינווענטאַר צו די יידישע סוחרים, וועלכע פירן דאָס אַריבער צו די באָלשעוויקעס.

מ'פלעגט אונטערוואַרפן פּאַטראָנעס, אַריינגיין אין קראָמען און הייזער און לאָזן דאָרטן מיט אַ כיוון אויפרייס־מאַטעריאַלן און דאַן שלעפן די יידן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מ'האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט צו מאַכן בילבולים אפילו אויף אַזעלכע פערזענלעכקייטן ווי דער ראַבינער י. רובינשטיין.

שבת, דעם 19 יולי 3 בייטאָג, האָט מען ניט ווייט פון ראַבינער רובינשטיינס וואוינונג דערהערט אַ שאָס פון אַ ביקס. ווען דעם ראַבינערס הויזלייט זיינען אַרויס אויפן באַלקאָן אַ קוק טאָן, וואָס איז אַזוינס פאָרגעקומען, האָבן זיי דערזען אַרום הויז אַ היפּשן עולם קריסטינס און שקצים, וואָס האָבן אָנגעוויזן, אַז פון דעם הויז האָט מען געשאָסן. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיך אין ראַבינערס וואוינונג אַריינגעריסן זשאַנדאַרמען מיט מיליציאָנערן און זוכנדיק אין אַלע ווינקעלעך, געדראָט צו מאַכן פון אַלעמען אַ תל. די געסט, וואָס זיינען בעת דער אונטערזוכונג געקומען צום ראַבינער, האָט מען אַרעסטירט, צווישן זיי אַ 15־יאָריקן יינגל, וועלכן מ'האָט געוואָלט צווינגען אויסצוזאָגן, וואו איז באַהאַלטן דאָס געווער. פריער האָט מען אים געוואָלט אונטערקויפן, נאָר זעענדיק, אַז מיט גוטן קען מען מיט אים גאָרנישט מאַכן, האָט מען אים גענומען שלאָגן, שפּייען אין פּנים און נאָכדעם אַרעסטירט. ס'זיינען אַרעסטירט געוואָרן נאָך אייניקע פּערזאָנען פון דעם זעלביקן הויף.

ווען דעם אַרעסט האָט מען גלייך געגעבן צו וויסן אין קהילה און ס'זיינען געקומען דער פאָרזיצער ד"ר צ. שאַבאַד מיט דעם אַמעריקאַנער זשורנאַליסט הערמאַן בערנשטיין, וואָס האָט דאַן געוואוינט אין ווילנע. אויפן אָרט פון דער רעוויזיע איז אויך גלייך אָנגעקומען דער דאַמאָלסטיקער שטאָט־קאָמענדאַנט ה' יאַן פּילסודסקי, אָבער קיין זאַך האָט מען ניט געקאָנט אויפטאָן. בעת דער רעוויזיע, האָט ה' בערנשטיין באַמערקט אויפן דיל אַ פּאַטראָן. אויף זיין פראַגע, וואָס דאָס באַדייט, האָט מען געענטפערט: „גאָרנישט“ און דער דערביי שטייענדיקער זשאַנדאַרם האָט אים אַריינגעלייגט אין קעשענע. דערווייל האָט זיך ווידער דערהערט אַ שאָס פון אַ ביקס. ווען די זשאַנדאַרמען זיינען אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס דערגיין, וואָס איז פאָרגעקומען, האָט זיי דער מיליציאָנער פון נאָענטן פּאָסטן דערקלערט, אַז זיין ביקס האָט אויסגעשאָסן פון זיך אַליין, פונדעסטוועגן האָט די רעוויזיע ביים ראַבינער געדויערט ווייטער.

דער „דזיענניק ווילענסקי“ וועלנדיק פאַרדרייען דעם אמת, האָט דעם גאַנצן ענין פאַלסיפיצירט און אין זיין נומער פון 20 יולי געשריבן:

„שבת 3 אַזייגער בייטאָג האָט מען פונם הויז נומער 7 אויף פּאָרטאָווע, וואָס איז באַוואוינט דורכאויס פון יידן, געשאָסן אויף אַ דורכפאָרנדיקער דראָשקע, אין וועלכער ס'זיינען געזעסן 2 פּוילישע אָפיצירן. די קויל האָט קיינעם





ניט געטראָפן. אינם גאַנצן הויז איז געמאַכט געוואָרן אַ רעוויזיע. ווי ס'שיינט, איז קיין ספק ניט, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ באָלשעוויסטישער פּראָוואָקאַציע. פאַרשווינען, וואָס ווילן שטערן די אָרדענונג, זיינען אין ווילנע פאַראַן איבערגענוג און זיי דאַרפן האָבן אַ פּאָר טויטע, כדי מ'זאָל קאָנען ווייזן דער אַמעריקאַנער מיסיע, וואָס דאַרף די טעג קומען, אַז ס'איז פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם אויף יידן. גאָר די אַלע העצעס פון די אינטערנאַציאָנאַלע פאַרברעכער וועלן גאָרנישט העלפן. אונזער באַפעלקערונג איז צו פיל מיושבדיק און פאַרשטייט זיך צו גוט אויף די געפאַרבטע פוקסן, אַז זי זאָל זיך לאָזן פאַרפירן. קיין פּאָגראָם איז ביי אונז ניט געווען און וועט ניט זיין, הגם די יידן וואָלטן עס זייער געוואָלט און האָבן אויף דעם צוועק אַרויסגעוואָרפן גענוג געלט. אונזער פאָלק איז זייער ערלעך און אויב עס האָט ניט אויפגעהויבן קיין האַנט אויף די באָלשעוויקעס, וואָס אונטער זייער יאָך האָט עס געקרעכצט 4 חדשים — וועט עס אויך ניט אויפהייבן אויף די יידן — ווייל מיט זיין געזונטן אינסטינקט פאַרשטייט עס, אַז דאָזיקער וועג, וועט אים ברענגען ניט צו פרייהייט און ניט צו פ אַ ר א י י נ י ק ו נ ג פון ליטע מיט פוילן. זאָלן עס געדענקען די הערן פּראָוואָקאַטאָרן“.

אין אַ צווייוועכנטלעכן פּאַריזער אָרגאַן אונטערן נאָמען „ד י פ ו י ל י ש ע ר ע פ ו ב ל י ק“ איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ ידיעה, אַז דער ראַבינער רובינשטיין זאָל כלומרשט האָבן ערקלערט דעם שעף פון שטאָט, אַז עס געפינען זיך צווישן יידן עלעמענטן, וואָס פּרובן זיך צו פּראָוואָצירן פּאָגראָמען אויף יידן דורכדעם, וואָס זיי שיסן פון די פענסטער און וואַרפן גראַנאַטן אויף די רואיקע שטילע פּוילישע סאָלדאַטן.

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס מ'האָט גאָר ניט געפונען זיינען צום ראַבינער אין וואוינונג, מאָנטאָג, דעם 21 יולי געקומען 2 זשאַנדאַרם־אָפיצירן צוזאַמען מיט אַ קליינעם פּוילישן יינגל, אַ זון פון אַ דערבייאיקן פּוילישן קרעמער, און אָנווייזנדיק אויפן ראַבינערס קינדער האָבן זיי געפרעגט: „ווער האָט דאָס געטאָן?“ דער שייגעץ האָט אָנגעוויזן אויפן ראַבינערס 9־יאָריקן זון. ווען די פרוי רובינשטיין האָט געפרעגט די אָפיצירן, וועגן וואָס האַנדלט זיך דאָ, האָבן זיי געענטפערט, אַז דאָס איז זייער זאַך און זיינען אַוועקגעגאַנגען.

אַן עדות פון דער הפקרות איז אויסגעקומען צו זיין אויך דעם אַמעריקאַנער זשורנאַליסט, דעם רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס“ אַב. קאַהאַן: דעם 21 יולי, האָבן סאָלדאַטן זיך אַריינגעריסן אויף רודניצקער גאַס אין אַ קאָנפעקטן־קראָם און געוואָלט נעמען סחורה. מ'האָט זיי נאַטירלעך ניט געגעבן, און ס'איז געוואָרן אַ גרויסער טומל. ס'האָבן זיך אַריינגעמישט פאַרבייפאָרנדיקע רייטערלעגיאָנערן, אָבער אָנשטאָט איינצושטילן דעם עולם, האָבן זיי אָנגעהויבן צו שלאָגן די יידן. דאָס איז פאָרגעקומען ניט ווייט פון האָטעל „פּאַלאַס“, וואו ס'איז איינגעשטאַנען אַב. קאַהאַן, איז ער אַראָפּ זעען וואָס דאָרט קומט פאָר. ווען ער האָט זיך געפּרובט אַריינמישן, האָט מען אים אַרעסטירט און אַוועקגעפירט אין זשאַנדאַמעריע. ערשט נאָכדעם ווי ער האָט באַוויזן זיינע דאָקומענטן, האָט מען אים באַפרייט.

שבת, דעם 26 יולי זיינען לעגיאָנערן ביים אויפטריט פון אַ יידישער זינגערין אין באָטאַנישן גאָרטן באַפאַלן דעם יידישן עולם, געשלאָגן אים מיט נאַגייקעס און היבשע מענטשן צעקאַליעטשעט. באַפאַלן דעם יידישן שפּאַצירנדיקן עולם אויפן גאַס, איז געווען פון די אָפטע ערשיינונגען, דערביי פלעגט מען ניט שוינען קיין קינדער און פרויען. ציווילע אָדער מיליטערישע לייט און זייער אָפּט פּוילישע שול־קינדער פלעגן אָנפאַלן אויף יידישע קינדער בעת שפּאַצירגאַנג, וואַרפן מיט שטיינער, שלאָגן זיי און פאַרוואונדן.

אין שפּיטאָל פון הייליקן „יאַקוב“ פלעגט מען צו די יידישע חולאים ניט צולאָזן קיין עסן - און מ'פלעגט נאָך שטאַרק זידלען די ברענגער.

---

## מאָרגנטויס אויספאָרשונגס=קאָמיסיע.

דער ווילנער פּאָגראָם האָט אין דער וועלט געמאַכט זייער אַ גרויסן רושם. אין אַ סך לענדער זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן פּראָטעסט=מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס, אַרויסגעטראָגן געוואָרן פּראָטעסט=רעזאָלוציעס קעגן פּוילן, וואָס איז שטאַרק דיסקרעדיטירט געוואָרן. בכדי אָפּצושוואַכן און פאַרגלעטן דעם שרעקלעכן איינדרוק אין דער וועלט און בפרט אין אַמעריקע, האָט דער פּוילישער פּרעמיער=מיניסטער פּאַדערעווסקי שטיצנדיק זיך אויפן אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר גיבסאָן, וואָס האָט צוגעשטעלט זיין רעגירונג אַ באַריכט, אַז אין פּוילן זיינען קיין פּאָגראָמען ניט געווען, זיך געווענדט צו ווילסאָנען, ער זאָל אַראָפּשיקן אַ קאָמיסיע אויסצופאָרשן די אַנטי=יידישע אויסברוכן אין פּוילן, און איינער פון דער קאָמיסיע זאָל דווקא זיין אַ ייד. ווילסאָן האָט באַשטימט אַ אויספאָרשונגס=קאָמיסיע בראש מיטן יידישן סענאַטאָר, געוועזענעם אַמעריקאַנישן אַמבאַסאַדאָר אין טערקיי, הענרי מאָרגנטוי.

גרויסע האָפענונגען האָט מען אין געוויסע יידישע קרייזן געלייגט אויף דער אַמעריקאַנער קאָמיסיע, וואָס האָט זיך געשטעלט צוויי אויפגאַבן: אויספאָרשן די געשעעענישן און דורכלייגן אַ וועג פאַר נאָרמאַלע באַציאונגען צווישן די פּאָליאַקן און יידן. אויסגעלאָזן אָבער האָט זיך די אַרבעט פון דער קאָמיסיע מיט גאָרנישט, די גאַנצע עובדא איז באַשטאַנען דערהויפּט אין ראַאוטן, טאָסטן, דרשות; קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן און פּראַקטישע נוצן, אפילו קיין מאָראַלישע באַפרידיקונג האָט די קאָמיסיע ניט געבראַכט, שוין אָפּגערעדט פון ישועות פאַר ידן.

די אַמעריקאַנער אויספאָרשונגס=קאָמיסיע איז אָנגעקומען קיין ווילנע דעם 29 יולי אין אָוונט, אין דער באַגלייטונג פון פאָרשטייער פון פּוילישן קריגס=מיניסטעריום, פאַר אויסלענדישע ענינים, לייטער פון ענגלישן רעפעראַט פּראָפעסאָר זשולטאָווסקי און רעפערענט פאַר יידישע ענינים יעקב שאַצקי. אַלס דאָלמעטשער פון דער קאָמיסיע אין ווילנע איז באַשטימט געוואָרן קסיאָנדז אַראַשקעוויטש.

מיטוואָך דעם 30 יולי האַלב צוועלף אינדערפרי האָבן די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע אַמבאַסאַדאָר מאָרגנטוי און גענעראַל דזשאַדווין, אויפגענומען ביי זיך אין האָטעל בריסטאָל דעם פּרעזידיום פון דער ווילנער קהילה, דערביי איז אויך געווען דער לידער רב ראַבינאָוויטש, וואָס האָט זיך אָנגעזען די אימות פון לידע, און דער פאָרשטייער פון דער יורידישער קאָמיסיע ביי דער קהילה, אַדוואָקאַט ע. פינקעלשטיין. ביי דער אוידיענץ זיינען אויך בייגעווען פאַרטרעטער פון די 4 וואַרשעווער יידישע צייטונגען. די אַמעריקאַנער געסט זיינען באַגריסט געוואָרן דורך דער פאָלגנדער רעדע פון דעם פאָרזיצער פון דער קהילה, ד״ר צ. שאַבאַד:

„הויכגעערטער ה׳ אַמבאַסאַדאָר, הויכגעערטער גענעראַל, הויכגעערטע געסט.

אין נאָמען פון דער ווילנער יידישער קהילה האָב איך דעם כבוד צו באַגריסן אייך, די בירגער פון דער מעכטיקער פרייער צפון=אַמעריקאַנישער רעפּובליק, אייך, די שלוחים פון אייער פּרעזידענט, דעם איידעלן מענטשן=פריינד ווילסאָן. מיר זאָגן אייך אונזער ברוך=הבא און דריקן אייך אויס אונזער טיפסטן דאַנק פאַר דעם באַזוך, וואָס איר זייט אַזוי פריינדלעך געווען אונז צו מאַכן.

מיר, יידן פון ליטע, האָבן פאַר די לעצטע פינף יאָר פון דער שרעקלעכער וועלט=מלחמה מער ווי אַנדערע אַריבערגעטראָגן די שווערע נסיונות פון דעם קריג. מיר זיינען אויסגעשטאַנען די שווערסטע צייטן ניט נאָר פון מאַטעריעלער דחקות און פון אַ ווירטשאַפטלעכן חורבן, נאָר אויך פון רדיפות, פון בלבולים, פון גזלות און רציחות, וואָס מ׳איז באַגאַנגען איבער אונז אַלס יידן.

אין די דאָזיקע גרויזאַמע צייטן פון אומגליק האָבן מיר כסדר באַקומען אַ מאַטעריעלע הילף פון אַמעריקע — פריער אין דער פאָרם פון געלטסומעס און איצט אויך אין לעבנסמיטלען וועלכע ראַטעווען אונזערע פרויען און קינדער פון הונגער=טויט.

אָבער נאָך אַ סך מער פון דער מאַטעריעלער הילף איז פאַר אונז וויכטיק די מאָראַלישע שטיצע, וואָס מיר באַקומען פון דער אַמעריקאַנישער רעפּובליק. מיר, יידן, וואָס לעבן עקסטעריטאָריאַל, נייטיקן זיך מער ווי אַלע אַנדערע קליינע פעלקער, מ׳זאָל שיצן אונזערע בירגערלעכע, עקאָנאָמישע און נאַציאָנאַלע רעכט.

מיר באַגריסן אייער קאָמיסיע, וואָס קומט צו אונז אַלס פאָרשער און אַלס שליח פון שלום. מיר ווילן ניט עקספּלאָאַטירן די עפנטלעכע מיינונג און מיר ווילן אויך ניט אַרויסשטעלן אונזערע וואונדן די גאַנצע וועלט זאָלן זיי אָנקוקן. מיר ווילן ניט, אַז מ׳זאָל מגזם זיין די אומגערעכטיקייטן, וועלכע מ׳איז קעגן אונז באַגאַנגען. מיר מוזן אָבער אָפן דערציילן וועגן די אַכזריות און נגישות, וואָס מען איז קעגן אונז, שוצלאָזע, באַגאַנגען, און דאַרפן קיין זאַך ניט באַהאַלטן, מחמת דער טאָג פון אמת און יושר וועט קומען.

מיר האָפן, אַז מיר וועלן דערגרייכן די מעגלעכקייט צו לעבן אין שלום און אין טאָלעראַנץ מיט אַלע פעלקער פון לאַנד. מיר ווילן פרידלעך און פּראָדוקטיוו אַרבעטן לטובת דעם לאַנד און כלל, דערביי אָבער מוזן אונז אומבאַדינגט גאַראַנטירט ווערן אַלע אונזערע בירגערלעכע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע רעכט, ווי אויך די עקאָנאָמישע אינטערעסן אין דער פולסטער מאָס.

מיר באַציען זיך מיטן פולסטן צוטרוי צו אייער גוטן רצון צו ברענגען אונז גערעכטיקייט. מיר בעטן אייך אָבער אונזער זאַך גענוי, גרינדלעך און מיט געדולד אויספאָרשן.

אין נאָמען פון דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג באַגריס איך אייך, הויכגעערטע געסט, און אין אייער פּערזאָן באַגריס איך די גרויסע דעמאָקראַטישע אַמעריקאַנישע רעפּובליק, ווי אויך אונזערע אַמעריקאַנער ברידער.

מיר שטייען אייך אַלע גרייט צום דינסט און זאָגן אייך נאָכאַמאָל אין ווילנע ב ר ו ך=ה ב א!״

אויף ד״ר שאַבאַדס באַגריסונג האָט אַמבאַסאַדאָר מאָרגנטוי געענטפערט, אַז די קאָמיסיע איז געקומען אַהער מיטן צוועק גענוי אויסצופאָרשן דעם ענין און אַז זי וועט דאָ אין ווילנע פאַרבלייבן אַזוי פיל צייט, וויפיל ס׳וועט פאָדערן די זאַך גופא.

דער אַמבאַסאַדאָר האָט אויך באַרירט די פראַגע, צי האָבן די יידן אין ליטע טאַקע גענומען אַן אָנטייל אין די שלאַכטן קעגן דעם פּוילישן חייל. ער מיינט, אַז קיינער פון די פּאָליאַקן האָבן דאָך ניט געזאָגט, אַז סתם יידן האָבן געשאָסן אין די פּאָליאַקן, וואָרים ביי יעדן פאָלק — סיי ביי אַמעריקאַנער, סיי ביי פראַנצויזן ווי אויך ביי אַנדערע זיינען פאַראַן אָרנטלעכע מענטשן און שלעכטע.

אויף דעם האָט די יידישע דעפּוטאַציע אָנגעוויזן, אַז די פּוילישע בלעטער האָבן טאַקע געשריבן, אַז ס ת ם י י ד ן האָבן געשאָסן פון די דעכער און פון די פענסטער און אין דעם זין האָבן אפילו אייניקע פּוילישע דעפּוטאַטן גערעדט אין וואַרשעווער סיים. — וועגן דעם, ווייזט אויס, האָט מאָרגנטוי גאָרנישט געוואוסט.

— געקומען אַהער איז ער — האָט מאָרגנטוי דערביי געזאָגט — ווי אַן אַדוואָקאַט און ווי אַן אויספאָרשער, און אויף אַלע פאָרשטייער פון דער באַפעלקערונג מוז ער דעריבער קוקן ווי אויף עדות. אויף דעם סמך מוז ער אָפט איבערשלאָגן די רייד, ווען זיי זיינען ניט צו דער זאַך, און קיינער דאַרף אויף אים דערפאַר קיין פאַראיבל ניט האָבן.

דעם לידער רב האָט מאָרגנטוי געזאָגט, אַז מיט טרערן (וועלכע ער פאַרשטייט זייער גוט) וועט מען די געהרגעטע ניט

מאַכן לעבעדיק און מיט שטאַרקע ווערטער וועט מען די זאַך ניט העלפן; מען מוז ריידן רואיק און אַז. וו.

דער גאַנצער געשפּרעך איז געפירט געוואָרן אין דייטש.

מיטוואָך, דעם 30-טן יולי, אַרום האַלב פינף אַ זייגער, האָט זיך אין בנין פון דער קהילה אָנגעהויבן די אויספאָרשונג פון איינצלנע פערזאָנען. אין צימער האָבן זיך געפונען: אַמבאַסאַדאָר מאָרגנטוי, ראַבינער רובינשטיין, ל. יפה, ש. ניגער, ד״ר וויגאָדסקי און די פאָרשטייער פון דער ווילנער און וואַרשעווער פּרעסע.

צוערשט ווערט אויסגעפרעגט די פרוי פיליפּאָווסקי (פּיוונע, זילבערמאַנס הויז) וועלכע האָט בעת די געשעענישן פאַרלאָרן איר 43-יאָריקן מאַן און איר 16-יאָריקן איינאייגציקן זון.

נאָך איר ווערט אויסגעפרעגט די 21-יעריקע אלמנה פונם דערהרגעטן משה נאָטע גאָלבערט (אין דערמאָנטן הויז) און די טאָכטער פון דערהרגעטן אַריה זאַק (אין זעלבן הויז). בעת די לעצטע גיט איבער איר טרויעריקע דערציילונג קומט אַריין גענעראַל דזשאַדווין אין באַגלייטונג פון אַ פּאָליאַק. דער גענעראַל ווערט באַגריסט פונם עולם. ער ווייזט אַן עקזעמפּלאַר פון דער פּראָקלאַמאַציע, וואָס איז געווען מיט עטלעכע טעג צוריק אויסגעקלעפּט אין די גאַסן וועגן דעם סאָלדאַט, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן פאַר באַראַבעווען אַ יידן אויפן וועג פון שירווינט אהערצו. די פּראָקלאַמאַציע האָט מען דעם גענעראַל געגעבן אין דער קאָמענדאַנטור.

דער פאָטאָגראַף גראָסמאַן און הרב מאיר קאַרעליץ דערציילן, ווי אַזוי עס האָבן אויסגעזען די געהרגעטע, וועלכע מ׳האָט אויסגעגראָבן פון ליפּובקע צום איבערפירן זיי אויפן בית-עלמין; מ׳האָט געקאָנט דערקאָנען, אַז פאַרן טויט האָט מען זיי שרעקלעך געפּייניגט.

דער ליפּנישקער רב גיט איבער די טרויעריקע געשיכטעס, וואָס האָבן פּאַסירט ביי זיי אין שטעטל, ווי מ׳האָט אים געהאַלטן גרייט צום דערשיסן דערפאַר, וואָס די יידן „גיבן ניט אַרויס דאָס געווער״; ווי מ׳האָט פאַר זיינע אויגן אָן אַ שום משפט דערשאָסן עטלעכע יידן; ווי דער אָפיציר, וואָס האָט אָנגעפירט מיט די דערשיסונגען, האָט ביי אים אין שטוב געצוואונגען די שוואַנגערע פרוי וואָלאָכיאַנסקי צו קושן זיין כאַדעשווע. דערביי האָט ער איר שרעקלעך געשלאָגן מיט אַ שטעקן. די פרוי האָט אין 2 טעג אַרום געבוירן אַ קראַנק קינד.

צום סוף איז אויסגעפרעגט געוואָרן די פרוי שפרה לעווינאָוויטש, וואָס איר מאַן האָט מען דעם 20-סטן אַפּריל דערשאָסן.

אויף דעם אַנדערן טאָג, דעם 31-סטן יולי, האָט זיך די קאָמיסיע, כדי צו פאַרגיכערן די אַרבעט צעטיילט אין 3 סובקאָמיסיעס: די ערשטע—אונטערן פאָרזיץ פון מאָרגנטוי, די אַנדערע—אונטערן פאָרזיץ פון דזשאַדווין און די דריטע—פון קאַפּיטאַן גאָטהאַרד (אַ ייד). די דאָזיקע סובקאָמיסיעס האָבן געאַרבעט אין באַזונדערע צימערן און זיך פאַרנומען יעדערע מיט באַזונדערע פאַלן. ביי יעדער סובקאָמיסיע איז געווען אַ איבערזעצער וואָס פלעגט איבערזעצן דאָס יידישע עדות-זאָגן אויף דייטש, און אַ סטענאָגראַף.

דער צענטער פון דער אויספאָרשונג איז געווען—די הריגה פון א. ווייטער. אין מאָרגנטויס סובקאָמיסיע האָט די אַרטיסטין שערמאַן גענוי דערציילט, ווי ווייטער, ניגער און יפה מיט זייערע פאַמיליעס האָבן פאַרבראַכט די טעג פון די שיסערייען, ווי אַזוי מ׳האָט אַרויסגעפירט ווייטערן און איר פון הויז און ווי אַזוי מ׳האָט אים מערדעריש דערשאָסן. דער איינדרוק פון איר דערציילן, אָפּט איבערגעריסן מיט אַ פאַרשטיקטן געוויין, איז געווען אַ מוראדיקער. לייב יפה האָט דערציילט וועגן ווייטערן אַלס פּערזענלעכקייט און שרייבער.



מאָרגנטוי האָט זיך זייער אינטערעסירט, צי האָט ער ניט באַרירט אין זיינע ווערק דעם באָלשעוויזם.

צו אילוסטרירן ווייטערס באַציאונג צו די באָלשעוויקעס האָט יפה דערציילט, אַז בשעת ער האָט מיט אַ פּאָר טעג פאַר זיין טראַגישן טויט פאַרגעלייגט ווייטערן, אין אַ שפּאַס, צו פאָרן קיין ארץ-ישראל, האָט אים ווייטער געענטפערט: „ווען איר וועט ניט אַריבערברענגען אַהינצו קאַרל מאַרקסן, דאַן פאָר איך!״

אַ לענגערע צייט האָט אויך אָפּגענומען אויספרעגן די יידן, וואָס האָבן באַערדיקט די ליפּובקער הרוגים, און וועגן מעשה בענסקי. דאַן איז אויסגעהערט געוואָרן ל. יפה און ש. ניגער וועגן זייער אַרעסט און אַרויסשיקונג. נאָכדעם האָבן די סובקאָמיסיע אויסגעפרעגט די געליטענע וועגן רויבערייען, קלעפּ, נגישות און אַז. וו.

אַ גרויסן רושם האָט געמאַכט די ערקלערונג פון די יידן, וועלכע די מיליציאַנטן האָבן געצוואונגען אין „יענע טעג״ צו באַגראָבן אויפן ברעג ווילִיע אַ מאַן מיט צוויי פרויען. אַ סך פון די געליטענע האָבן זיך צו מאָרגנטויען געווענדט מיט דער בקשה צו העלפן זיי, ווייל זיי זיינען צעראַבירט געוואָרן בעת די לעצטע געשעענישן און האָבן ניט קיין מיטלען צום לעבן. אַ סך האָבן ביי אים געבעטן אַרבעט.

דעם 3-טן טאָג (1 אַווגוסט) איז אויסגעפאָרשט געוואָרן דער שוידערהאַפטיקער פאַל מיטן 28-יאָריקן חיים וואַרניאַן, וועלכן מ׳האָט צוגעבונדן צו אַ פערד און געשלעפּט אַ מהלך פון 5 קילאָמעטער.

צווישן די אויסגעפאָרשטע האָט זיך געפונען דער לאַנדוואָראָווער רב, וואָס האָט צוגעשטעלט אַ פאָטאָגראַפיע, אויף וועלכער ס׳איז קאָנטיק געווען די אויסגעברענטע באָרד מיטן צעשלאָגענעם פנים. איינער אַ ייד, וואָס איז צוזאַמען מיטן רב אַרעסטירט געוואָרן, איז פון די קלעפּ געשטאָרבן.

ס׳איז זיך ניט באַגאַנגען אָן קוריאָזן; אַזוי צ. ב. האָט דער שניפּישקער רב ר׳ אליהו גאָרדאָן דערציילט, ווי אַ לעגיאָנער האָט ביי אים אַראָפּגעריסן די ציצית פון טלית-קטן, בעת ער איז געגאַנגען דורכן גרינעם בריק. ה׳ מאָרגנטוי האָט די באַדייטונג פון די ציצית ניט פאַרשטאַנען און געבעטן דעם רב באַווייזן אים זיינע ציצית.

ה׳ ווערסאַצקי האָט דערציילט, אַז זיין 80-יאָריקן פאָטער, וואָס איז געזעסן דערביי, אַ טויבער און אַ ביסל אַ צעמישטער, האָט מען אַרעסטירט און אָפּגעהאַלטן אַ לענגערע צייט אין תפיסה.—אין וואָס האָט מען אים באַשולדיקט?—פרעגט מאָרגנטוי,—אַז ער האָט פאַרשפּרייט באָלשעוויסטישע פּראָקלאַמאַציעס צווישן פוילישן מיליטער—ענטפערט דער זון.

צווישן די עדות האָבן זיך געפונען אויך 2 קריסטן. איינער פון זיי האָט עדות געזאָגט, אַז ער האָט אַליין געזען, ווי ציווילע און מיליטערלייט האָבן געראַבירט אין זאַלקינדס געשעפט. דער צווייטער עדות—אַ קריסטין, האָט באַשטעטיקט די שוידערלעכע געשיכטע פון דער פאַמיליע בענסקי אויף שקאַפּלערנע, וואָס איז דורך מאָרגנטויען אויסגעפאָרשט געוואָרן אויפן אָרט גופא.

די אויספאָרשונגען האָבן בייגעוואוינט פאָרשטייער פון דער וואַרשעווער און ווילנער פוילישער און יידישער פּרעסע און ד״ר באָגען.

דעם 2-טן אַווגוסט—שוין אין דער אָפּוועזנהייט פון מאָרגנטוי און דזשאַדווין, האָבן געאַרבעט נאָך 2 סובקאָמיסיעס; ס׳זיינען אויסגעפאָרשט געוואָרן קלענערע, ענינים, ווי רויבערייען אַרעסטן א. אַנד. אַדוואָקאַט טראָצקי האָט דערביי אויספירלעך דערציילט, ווי די הויזוועכטער האָבן געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין אַלע ראַבירונגען. דער סטרוזש פון זיין אייגענעם הויף אויף זאַוואַלנע 33 האָט די מעבל פאַרקויפט פראַנק און פריי

אויף טישקעוויטשעס מאַרק. די סאָלדאַטן און מיליציאָנערן האָבן אויך אומעטום געראַבירט און ס'איז אפילו ניט געווען ביי וועמען צו קלאָגן זיך אויף זייערע מעשים.

מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט איז דורך קאַפּיטאַן גראָס אויסגעהערט געוואָרן דאָס עדות זאָגן פון די קינדער פון דער דערהרגעטער קרעמערין אויפן ראָג ווילנער און פּרעאָבראַזשענסקי אין קרענגלס הויז. נאָכדעם ווי זייער מוטער איז דערשאָסן געוואָרן, האָט מען ביי זיי אין שטוב דריי מאָל געראַבירט, ניט געקוקט אויף די יללות פון די אומגליקלעכע קינדער, וואָס זיינען געלעגן איבערן טויטן קערפּער פון זייער דערהרגעטער מוטער. דער אײַנדרוק פון דער דערציילונג איז געווען אַזאַ שטאַרקער, אַז קאַפּיטאַן גראָס האָט זיך אָפּגערופן צו דעם רעדאַקטאָר פון דער וואַרשעווער יידנפרעסערישער צייטונג „גאַזעטאַ וואַרשאַווסקאַ“: „ס'איז מיר אַ חרפה פאַר מיינע גלויבנס גענאָסן!“

דער שמיד פון נעמענטשין האָט דערציילט, אַז בעת מ'האָט אים אַרעסטירט מיט זיין זון האָט מען זיי געבונדן מיט שטריק די הענט אַהינטער און נאָכדעם, ווי מ'האָט זיי מערדערלעך געשלאָגן האָט מען זיי אַריינגעוואָרפן געבונדענערהייט אין אַ קעלער, וואו מ'האָט זיי אַ גאַנצן מעת־לעת געהאַלטן הונגעריקע. די הענט זיינען ביי זיי געווען געשוואָלענע און זיי האָבן געליטן די שרעקלעכסטע יסורים. אין דערזעלבער צייט האָט מען ביי זיי אין שטוב אויסגעראַבירט 5 טויזנט רובל און פּראָדוקטן. ווען ער איז געוואָרן באַפרייט האָבן אים באַקאַנטע קריסטן געראַטן צו אַנטלויפן, ווייל סוף־כל־סוף וועט מען אים דערשיסן. אייניקע יידן האָט מען טאַקע דערנאָך דערשאָסן און דאַן האָט אים אַ באַקאַנטער קריסט אָפּגעפירט קיין ווילנע. ביי זיין פרוי איז פון שרעק אָפּגענומען געוואָרן דער לשון.

די הענדלער פון האַלע האָבן דערציילט וועגן די טאָגטעגלעכע שוועריקייטן, וואָס מ'שטעלט זיי ביים האַנדלען, שוין אָפּגערעדט וועגן די פריערדיקע רויבערייען.

דעם זעלבן טאָג, שבת, האָט מאָרגנטוי מיטן גענעראַל דזשאַדווין באַזוכט אייניקע ערטער און שכאָט, וואו ס'זיינען פאָרגעקומען די הריגות אין די אַפּריל־טעג. צווישן אַנדערע האָבן זיי באַזוכט דעם אָרט, אויף זאַכאַד־גאַס, וואו ס'איז דערשאָסן געוואָרן דער שריפטשטעלער א. ווייטער. דערנאָך האָבן זיי אויך באַזוכט דעם הויף, וואו עס וואוינט דער ראַבינער רובינשטיין (פּאָרטאָווע 7), פון וואַנען מ'האָט כּלומרשט געשאָסן אין אַ דורכפאָרנדיקן מיליטער־פאַרשטייער. געפינענדיק זיך ביים ראַבינער אין הויז האָבן זיי אויסגענוצט די געלעגנהייט און געבעטן ווייזן, וואָס איז דאָס אַזוינס דער תלמוד.

אַחוץ דער אויספאָרשונג פון די עקסצעסן האָט מאָרגנטוי אויך אין זינען געהאַט זיין צווייטע אויפגאַבע — שלום צו מאַכן צווישן די יידן און די פּאָליאַקן, צו דעם צוועק האָט ער באַזוכט אייניקע יידישע געזעלשאַפטן און אָרגאַניזאַציעס, וואו ער האָט אויסגעהערט באַגריסונגען און געענטפערט אויף זיי, לויט דעם באַקאַנטן שטייגער פון אַזעלכע זאַכן.

אַזוי האָט ער דעם 30־סטן יולי אינאָוונט צוזאַמען מיטן גענעראַל דזשאַדווין באַזוכט דעם האַנטווערקער־פאַראיין. דער פאָרזיצער פון פאַראיין, ה' אליעזר קרוק האָט אין זיין באַגריסונגס־רעדע געשילדערט די טרויעריקע לאַגע פון די יידישע האַנטווערקער אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, אונטער די באָלשעוויקעס און איצט אונטער די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן אויסגעשלאָסן די יידישע בעלי־מלאכות פון די מלוכה־אַרבעטן; די איינציקע האָפענונג איז די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע; מאָרגנטוי האָט געענטפערט מיט אַ רעדע, וואו ער האָט גערופן די יידן האָבן געדולד און צוגעזאָגט גרינדלעך שטודירן די יידישע לאַגע און אָנווענדן אַלע מיטלען צו דערגרייכן דעם ציל. דאַן האָט גערעדט גענעראַל דזשאַדווין, וועלכער האָט אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט, וואָס ער זעט צווישן יידן אַזוי פיל האַנטווערקער טראָץ די פאַרזיכערונגען, אַז דאָס רוב יידן זיינען הענדלער; ער האָט אויך געגעבן די יידן אַ גוטע עצה צו פאַרנעמען זיך מיט לאַנדווירטשאַפט און איינשאַפן זיך נחלאות; צום קאָמישסטן איז אָבער געווען דער פינאַל פון זיין רעדע, — ווען ער האָט געבעטן דעם עולם נאָכצוזאָגן דריי מאָל אַזאַ פסוק: „וויר וואָלן אין פּאָלאַנד אַיינע קלאַסע בירגער האַבן“.

אויך דער יידישער סוחרים־פאַרבאַנד האָט געהאַלטן פאַר נייטיק צו שיקן אַ דעפּוטאַציע מאָרגנטויען צו באַקענען אים מיט די נויטן און באַדערפענישן פון די יידישע סוחרים און בעטן זיין פאַרמיטלונג ביים אָנקניפּן דירעקטע באַציאונגען מיט אַמעריקאַנער האַנדל און אינדוסטריע. דער אַמבאַסאַדאָר האָט ניט געקאַרגט מיט הבטחות, האָט צוגעזאָגט נאָכן צוריקקער קיין אַמעריקע אָנווענדן אַלע מיטלען, כּדי צו פאַראינטערעסירן די פירנדיקע יידישע פינאַנציעלע קרייזן וועגן אויפריכטן און אונטערשטיצן דעם יידישן סוחרים־קלאַס אין ליטע בכלל און ווילנע בפרט א. אַ. וו.

מאָרגנטוי האָט אויך באַזוכט די טעכנישע קורסן, האָט אויפגענומען דעפּוטאַציעס פון די ווילנער רוסן און פון דער ווייסרוסישער באַפעלקערונג, אָבער באַזונדערס סענסאַציאָנעל איז פאָרגעקומען זיין באַזוך אין שטאָטשול פרייטאָג דעם 1־טן אויגוסט צו קבלת־שבת צוזאַמען מיטן גענעראַל דזשאַדווין, קאַפּיטאַן גאָטהאַרד, פּראָפעסאָר זשולטאָווסקי, מ"ר סאַמועלי (מאָרגנטויס סעקרעטאַר). אַרום שולהויף איז געשטאַנען אַזאַ גרויסער עולם, אַז די געסט זיינען מיט גרויס שוועריקייטן צוגעקומען צו דער שול.

נאָך קבלת־שבת האָט זיך דער ראַבינער רובינשטיין געווענדט צום אַמבאַסאַדאָר און גענעראַל מיט אַ באַגריסונגס־רעדע אין דייטש.

נאָך מעריב האָט ה' מאָרגנטוי געענטפערט מיט אַ קורצער רעדע; שטייענדיק אויף די טרעפּלעך וואָס פירן צום ארון־קודש, באַמערקט ער, אַז ער איז אפילו ניט ראוי צו שטיין אויף אַזאַ הייליקן אָרט, וואָס איז באַשטימט נאָר פאַר אַ רב, נאָר ווייסנדיק, אַז זיין זיידע און עלטער־פעטער זיינען אויך געווען רבנים אין יידישע געמיינדעס, נעמט ער זיך די דרייסטקייט צו ריידן פון זעלביקן אָרט צום ווילנער עולם, און באַדאַנקט פון טיפן האַרצן פאַר דער ברידערלעכער אויפנאַמע.

— בשעתו — האָט געזאָגט ווייטער מאָרגנטוי, — ווען מיר האָבן אין אַמעריקע דערהערט דעם וויי־געשריי פון די פּוילישע און רוסישע יידן, האָבן מיר אויפגעעפנט אונזערע קעשענעס, ווייל מיר האָבן זיך ערקונדיקט, אַז דאָס איז ניט קיין געמכטער, נאָר אַן אמתער וויי־געשריי. צוטרעטנדיק צו אַ ברייטער הילפס־אַקציע לטובת די דאָזיקע יידן האָבן מיר אָבער פאַרשטאַנען, אַז ניט מיט צדקה קאָן מען פאַרענטפערן די דאָזיקע פראַגע. דאָ איז נייטיק אַן אַנדער מין שטיצע, מ'מוז די יידן פון פּוילן, רוסלאַנד א. אַ. לענדער מאַכן זעלבסטעטיק. פון דער מלחמה איז אַמעריקע אַרויס אַזוי שטאַרק, אַז זי איז ביכולת קומען צו הילף די יידן. די מלחמה האָט אַרויסגערוקט ניט נאָר די יידישע פראַגע, נאָר אויך די פראַגע וועגן אַרמענער און די אַלע פעלקער, וואָס זיינען געווען אונטערדריקט און דערנידעריקט: ניט ערליידיקנדיק די דאָזיקע פראַגן קאָן די וועלט זיך ניט באַרויקן. די דעמאָקראַטישע אַמעריקע וועט זיך אויך ניט באַרויקן ביז ס'וועט ניט זיין געזיכערט די יידישע גלייכבאַרעכטיקונג אין אַלע לענדער פון דער וועלט. דאָס קען נאָר פאַרווירקלעכט ווערן דורך דער פעלקער־ליגע, אין וועלכער אַמעריקע וועט שפּילן די באַדייטנדיקע ראָלע, ווייל זי האָט

געהאָלפן דעם נצחון פון גערעכטיקייט, וואָס וועט גילטן פאַר אַלע פעלקער און נאַציעס.

איבערגייענדיק צו די פויליש־יידישע באַציאונגען האָט מאָרגנטוי געזאָגט: די מלחמה האָט אַרויסגערופן אַ נייע מדינה צום לעבן: דאָס איז פוילן. פוילן האָט נאָך ניט פאַרפעסטיקט אירע גרעניצן, זי פירט מלחמה, זי האָט ניט פאַרענדיקט בויען איר מלוכה־אַפּאַראַט און דערהויפּט האָט זי זיך נאָך ניט אָריענטירט אין דער נייער געשאַפענער לאַגע. אָבער דאָ מוזן מיר אַייך אָפן זאָגן, אַז נאָר דאַן וועט קאָנען פוילן אַריינגענומען ווערן אין פעלקער־בונד, ווען זי וועט פאַרשטיין צו אַכטן די ערע און רעכט פון אַלע מענטשן אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט און אמונה. מיר זיינען אַהער געקומען בכדי אויף אַן אָרט אויסצופאָרשן אַלע אומשטענדן; די אַלע אויספאָרשונגען, וואָס מיר ווילן דאָ מאַכן, וועלן מיר ברענגען אין אַמעריקע ניט נאָר פאַר די יידן, נאָר פאַרן אַמעריקאַנער פאָלק, וואָס וועט מוזן אַרויסזאָגן דעם פסק־הדין. נאָר מיר זיינען אויך פעסט איבערצייגט, אַז מ׳קאָן געפינען אַ אויסגלייך צווישן ביידע פעלקער: יידן און פאָליאַקן. און מיר זיינען זיכער, אַז דעם אויסגלייך וועלן מיר געפינען. אויף דעם אַמעריקאַנער פאָלק איז אַרויפגעלייגט די דאָזיקע מיסיע. מיר ווייסן, אַז די יידישע פראַגע וועט ניט אין די נאָענטסטע טעג אָדער וואָכן פאַרענטפערט ווערן, יאָרן וועט דאָס אָפנעמען, 5 אָדער 10 יאָר; נאָר מיר זיינען איבערצייגט, אַז דעם אויסגלייך וועלן מיר פאָרט געפינען.

די רעדע זיינע האָט מאָרגנטוי פאַרענדיקט מיט דער האָפענונג, אַז זיין קאָמיסיע וועט געלינגען אַיינצושטעלן די פריינדשאַפטלעכע באַציאונגען צווישן די פאָליאַקן און יידן, און אינגיכן וועלן פאַרגעסן ווערן די אַלע עוולות, וואָס זיינען זיי געמאַכט געוואָרן פאַר דער לעצטער צייט.

נאָך דער רעדע האָבן זיי פאַרלאָזן די שול און געוואָלט באַזוכן „תפארת בחורים", נאָר דער עולם איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן אַהין ניט געקאָנט צוקומען. ווען זיי האָבן זיך געזעצט אין אַווטאָמאָביל, וואָס דאָט געוואַרט אויף זיי ביים טויער, האָט ער זיך ניט געקאָנט רירן פון אָרט צוליב דעם אומגעהייער גרויסן עולם, וואָס האָט אָנגעפילט גאַנץ דייטשע גאַס און געמאַכט שטורמישע אָוואַציעס די פאָרשטייער פון דער אַמעריקאַנער רעפובליק.

שבת דעם 2 אַוגוסט, האָט מאָרגנטוי באַזוכט דעם מלוכה־שעף פּילסודסקי. פּילסודסקי האָט אָנגעוויזן אויף דעם, אַז די יידן האָבן צו פיל צעפויקט איבער דער וועלט די ווילנער געשעענישן מיט דעם דאָזיקן געשריי האָבן זיי אויפגעוועקט די מיינונג אין אַמעריקע קעגן פוילן און געבראַכט איר פיל שאָדן. ער, פּילסודסקי, איז מודה, אַז די ערשטע טעג, איידער די מאַכט האָט זיך אָרגאַניזירט, זיינען טאַקע באַגאַנגען געוואָרן עוולות קעגן יידן. גלייך אָבער מיט זיין קומען קיין ווילנע, זיינען זיי אָפּגעשטעלט געוואָרן.

די ערשטע טעג האָבן זיך אין מיליציע פאַרשריבן אַ סך פרייוויליקע, וואָס האָבן באַקומען געווער. צי זיי זיינען פאַסיקע פערזאָנען אָדער ניט — דאָס האָט מען גלייך אויף אַן אָרט ניט געקאָנט וויסן. פּילסודסקי האָט צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ, כדי די יידן זאָלן מער ניט ווערן באַעוולט. ער האָט אויך צוגעזאָגט, אַז אינגיכן וועלן באַפרייט ווערן דורך אַמנעסטיע די אַלע אַרעסטירטע, „וועלכע זיינען ניט שעדלעך פאַר דער געזעלשאַפט" (פון דער אַמנעסטיע האָבן אָבער נאָכדעם גענאָסן נאָר פאַרברעכער). ער האָט איינגעלאַדן די יידישע פאָרשטייער צוזאַמען מיט מאָרגנטויען צום גענעראַל־קאָמיסאַר אָסמאָלאָווסקי, בכדי צו באַטראַכטן די וועגן און מיטלען, ווי אַזוי צוזאַמענצורעדן זיך וועגן אַ פרידלעכן צוזאַמענלעבן.

אויף דער קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען 12 אַ זייגער ביטאָג דעם 3 אַווגוסט ביים גענעראַל־קאָמיסאַר פאַר די מזרח־





לענדער ה׳ אָסמאָלאָווסקי זיינען געווען ה׳ מאָרגנטוי, ה״ה ד״ר צ. שאַבאַד, ד״ר י. וויגאָדסקי, הרב רובינשטיין און ל. יפה. אין איר האָבן זיך אויך באַטייליקט דער פאָרשטייער פון פרעמיער־מיניסטער פראָפ. זשולטאָווסקי, דער פרעזידענט פון וואַרשעווער געריכט דורקעוויטש, דער פּראָקוראָר פון ווילנער געריכט, דער געהילף פון ה׳ אָסמאָלאָווסקי, ראַטשקעוויטש — און אַנדערע העכערע באַאַמטע. אין אַ לענגערן געשפּרעך, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט כמעט אַלע אָנטיילנעמער, האָבן די יידישע פאָרשטייער געשילדערט די עוולות קעגן די יידן מצד דער מאַכט, וועלכע האָט באַזייטיקט טויזנטער יידישע אָנגעשטעלטע און אַרבעטער, מיליציאָנערן א. אַז. וו. באַזונדערס איז פיל גערעדט געוואָרן וועגן די אַרעסטירטע און די אַרויסגעשיקטע. די פאָרשטייער פון דער מאַכט האָבן זיך פאַרענטפערט און געגעבן די בעסטע הבטחות אויף ווייטער. די קאָנפערענץ האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ פרישטיק ביים גענעראַל־קאָמיסאַר.

שבת דעם 2 אַווגוסט איז לכבוד מאָרגנטויען איינגעאָרדנט געוואָרן אַ ראַאוט ביי גראַף טישקעוויטש. אויף דעם ראַאוט זיינען בייגעווען גרעפין און גראַף טישקעוויטש, וויצע־גובערנאַטאָר געדראָיץ, פירשט ראַדזיוויל, גראַף טשאַפּסקי, גראַף זשולטאָיוסקי, גראַף לובענסקי, קאַגאַנאָוויצקי א. א. פון דער יידישער געזעלשאַפט זיינען געווען: אַדאָלף גאָרדאָן, אינוש. ש. טראָצקי, ס. טראָצקי, ח. פינעס, ב. עפּשטיין, ד״ר זאַלקינד, ד״ר ווירשובסקי, ש. ראָזענטאַל, ה׳ ליפּעץ.

פאַר זיין אָפּפאָרן קיין לידע האָט אַמבאַסאַדאָר מאָרגנטוי אָפּגעהאַלטן אַ קאָנפערענץ מיט די פאָרשטייער פון דער יידישער פרעסע, וואָס האָט געטראָגן אַ כאַראַקטער פון אַ פרייען געשפּרעך און אויף די פאַרשיידענע פראַגן, וואָס זיינען מאָרגנטויען געשטעלט געוואָרן מצד די זשורנאַליסטן, האָט ער געגעבן אַזעלכע תשובות, פון וועלכע ס׳איז קאָנטיק געווען די כוונה ניט אַרויסצוזאָגן זיך קאַטעגאָריש, כל־זמן די אויספאָרשונג איז נאָך אין גאַנג.

צווישן אַ סך באַרירטע פראַגן איז מאָרגנטויען אויך געשטעלט געוואָרן די פראַגע, צי קאָן די יידישע פּאָגראָמירטע באַפעלקערונג האָפן אויף אַ קאָמפּענסאַציע פון די היזיקות, וואָס זי האָט געליטן.

„ווער זאָל די קאָמפּענסאַציע געבן?" האָט מאָרגנטוי געפרעגט.

„די מאַכט, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די געשעענישן!"

„בשעת מלחמה איז די דאָזיקע פאַראַנטוואָרטלעכקייט ניטאָ" האָט געענטפערט מאָרגנטוי.

אויף דער פראַגע, צי האָט ער נאָר די אויפגאַבע אויסצופאָרשן די געשעענישן, אָדער אויך זעען ברענגען צו אַ שלום צווישן די פאָליאַקן און די יידן, האָט מאָרגנטוי געענטפערט, אַז ער האָט דעם פולסטן צוטרוי פון פּרעזידענט צו טאָן אַלץ, וואָס ער וועט געפינען פאַר נייטיק.

מאָנטאָג דעם 4 אַווגוסט, שוין נאָך מאָרגנטויס אָפּפאָר, זיינען ווייטער געפירט געוואָרן אין בנין פון דער קהילה די אויספאָרשונגען. צווישן אַנדערע ענינים זיינען אויסגעפאָרשט געוואָרן די מעשים תעתועים, וואָס זיינען אָפּגעטאָן געוואָרן אויפן בית־עלמין, וואו מ׳האָט אויפגעגראָבן די קברים און געזוכט גאָלד מיט געווער. די פּרטים פון דער ווילדער זאַך האָבן אויף די אַמעריקאַנער געמאַכט אַ שווערן איינדרוק. ס׳איז אויך אויסגעהערט געוואָרן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט איינער ה׳ בערדאָווסקי, וועלכער איז אַרויסגעשיקט געווען אין ביאַליסטאָק און וואָלקאָוויסק, און האָט זיך אָבדערציילט וועגן דער ברוטאַלער באַהאַנדלונג פון די אַרעסטירטע.

אַ לענגערע צייט האָט זיך באַטראַכט דער פאַל מיט קראַ־

ועצקי, וועלכער איז געוועזן אַרויסגעשיקט קיין ביאַליסטאָק און דאָרטן איז ער געשטאָרבן פון קלעפּ און הונגער.

כּדי צו באַקענען זיך מיט דער לאַגע פון די אַרעסטירטע אויפן אָרט האָט דער קאַפּיטאַן גאָטהאַרד אין באַגלייטונג פון שטאָט=קאָמיסאַר יאַן פּילסודסקי באַזוכט די לוקישקער טורמע, דורכגעגאַנגען אַלע קאַמערן און פונאַנדערגערעדט די אַרעסטירטע. ער האָט אויך באַזוכט דעם טורמע=שפּיטאָל, וואו ער האָט געפונען 3 טיפוס=קראַנקע, און די געפענגעניש אויף דאָמיניקאַנער 2.

דינסטאָג דעם 5 אַווגוסט זייגען פאָרגעקומען די ווייטערדיקע אויספאָרשונגען פון דער מאָרגנטוי=קאָמיסיע. ס'זייגען אויסגעפאָרשט געוואָרן די געליטענע און עדות פון אַ ריי הריגות, גרעסערע רויבערייען און נגישות. צווישן אַנדערע איז אויסגעפאָרשט געוואָרן די הריגה פון פרוי שייניוק (מאָסטאָווע גאַס), און אויך דער פאַל, ווען אויף דייטשער גאַס זייגען דערשאָסן געוואָרן דורכן פענסטער צוויי יונגעלייט — סווירסקי און ראָנטאַל.

פון די גרויסע רויבערייען האָט זיך די קאָמיסיע גענויער באַקאַנט מיט דער רויבעריי ביי ה' פאָרודאָמינסקי, און מיט דער צעראַבירונג פון זאַלקינדס געשעפט (ברייטע גאַס), וואָס האָט צוגעשטעלט די רשימות פון די צעראַבירטע זאַכן, וועלכע האָבן באַטראָפן העכער אַ האַלבן מיליאָן רובל.

מיטוואָך האָט זיך פאַרענדיקט די אויספאָרשונגס=אַרבעט, וועלכע איז נאָך מאָרגנטויס אָפּפאָר אָנגעפירט געוואָרן דורך קאַפּיטאַן גאָטהאַרד און רעפערענט סאַמועלי. בכלל זייגען פאַר די 7 טעג אויספאָרשונגס=אַרבעט פון מאָרגנטויס קאָמיסיע אויסגעפרעגט געוואָרן ביי 450 — 500 עדות (די מער כאַראַקטעריסטישע). ס'זייגען פאַררעגיסטרירט געוואָרן פאַר דער צייט 1800 פאַלן פון גרעסערע רויבערייען, נגישות=אַרויסטרעטונגען קעגן יידן. אין דער ווירקלעכקייט דאַרף מען רעכענען פון 4000 — 5000 אַזויגע פאַלן (גרעסערע און קלענערע), ווייל אַ גרויסע צאָל קלענערע פאַלן פלעגט ניט פאַררעגיסטרירט ווערן. די צאָל פון די פאַרוואונדעטע יידן אין די אַפּריל=טעג איז אוממעגלעך געווען פעסטצושטעלן. אין דער צייט, וואָס ביים אַריינקומען פון פוילישן מיליטער אין ווילנע זייגען דערהרגעט געוואָרן אַרום 70 ציווילע יידן, איז קיין איין איינציקער ציווילער פאָליאַק ניט געהרגעט געוואָרן. דער קאָמיסיע זייגען אויך איבערגעגעבן געוואָרן די פאַלן פון לעבעדיק באַגראָבענע.

כּדי די קאָמיסיע צו באַקענען מיט אַלע פאַלן, וואָס זייגען פאָרגעקומען אין ווילנע, זייגען איר איבערגעגעבן געוואָרן קאָפּיעס פון מערסטן טייל פאַררעגיסטרירטע פאַלן, ווי אַלע נגישות, רויבערייען, צוזאַמען העכער פון 1500 פּראָטאָקאָלן. אַחוץ דעם זייגען דער קאָמיסיע איבערגעגעבן געוואָרן: 1) די צייטונגס=אויסשניטן פון די ווילנער בלעטער וועגן גרעסערע רויבערייען, נגישות און אַנדערע פאַלן, וואָס זייגען אין די פאַררעגיסטרירטע פּראָטאָקאָלן ניט אַריינגעגאַנגען; 2) די נומערן פון „דזיענניק ווילענסקי" מיט העצעס, בלבולים און אַנדערע פּאָגראָם=אַרויסטרעטונגען קעגן יידן. צווישן אַנדערע איז די אַמעריקאַנער אויך איבערגעגעבן געוואָרן אַ פּראָקלאַמאַציע, וואָס ווערט פאַרשפּרייט צווישן דער רויטער אַרמיי דורך פּוילישע סאָלדאַטן און אַנדערע מיטלען. די דאָזיקע פּראָקלאַמאַציע רופט די רויטע אַרמיי צו וואַרפן דאָס געווער און אַריבערגיין אויפן צד פון די לעגיאָנערן, אָנווייזנדיק, אַז ס'איז גענוג צו פאַרגיסן בלוט פאַר יידישע קאָמיסאַרלעך, פאַרן „אימפּעריאַליסט טראָצקי". די אַמעריקאַנער האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט דער פּראָקלאַמאַציע און האָבן צוגעלייגט צום איבעריקן מאַטעריאַל.

פאַר דער צייט, וואָס די אויספאָרשונגס=קאָמיסיע איז געוועזן אין ווילנע, זייגען פאַררעגיסטרירט געוואָרן נייע פאַלן. דער פאַל פון 5 אַווגוסט, ווען אויף דער גאַס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן אַ פרייַלן דורך מיליטער=לייט, און אונטערן אויסרייד פון אַ אונטערזוכונג האָט מען ביי איר איבערגעקוקט אַלע זאַכן און צוגענומען דערביי 3000 רובל געלט.

מאָרגנטויען איז אויך אויסגעקומען צו זען אַן אילוסטראַציע צו די אַלע דערציילונגען וועגן יידישע צרות, בעת זיין באַזוך צוזאַמען מיטן מלוכה=שעף אין לידע, דאַן זייגען פּויזנער סאָלדאַטן באַפאַלן די יידן, געמאַכט זיך לוסטיק איבער זיי, געשניטן בערד, געראַבירט א. ד. ג.

דער פולער אָפיציעלער באַריכט פון העברי מאָרגנטויס קאָמיסיע וועגן די פּאָגראָמען אין פּוילן, אַדרעסירט צו דער אַמעריקאַנער שלום=דעלעגאַציע איז באַוואוסט געוואָרן דעם 12 יאַנואַר 1920. אין דעם באַריכט איז דאָס וואָרט „פּאָגראָם" אינגאַנצן ניט דערמאָנט. מיר גיבן פון דעם דאָזיקן באַריכט דעם פאָלגנדיקן אויסצוג וועגן די עקסצעסן אין ווילנע:

„דעם 19=טן אַפּריל זייגען די ערשטע פּוילישע סאָלדאַטן אַריין אין ווילנע. די שטאָט איז גענומען געוואָרן נאָך דריי טעג קעמפן אין די גאַסן פון שטאָט. אין דער צייט זייגען 33 מענער געהרגעט געוואָרן. אין דער זעלבער צייט האָבן 56 יידן פאַרלאָרן זייערע לעבנס.

פון די באַווייזן, וועלכע זייגען באַקומען געוואָרן, איז קיינער פון זיי ניט געוועזן פאַרבונדן מיט די באָלשעוויקעס. צווישן די דערהרגעטע יידן האָבן זיך געפונען 4 פרויען און 8 מענער, וועלכע זייגען געוועזן עלטער פון 50 יאָר. 8 יידן זייגען געפירט געוואָרן 8 קילאָמעטער הינטער שטאָט און דאָרטן זייגען זיי דערשאָסן געוואָרן אָן אַ סימן פון וועלכן עס איז פּראָצעס אָדער אונטערזוכונג. די איבעריקע זייגען דערשאָסן געוואָרן פון סאָלדאַטן, וועלכע האָבן ראַבירט יידישע הייזער. קיין ליסטע פון ציווילע מענטשן וועלכע זאָלן זיין דערהרגעט געוואָרן פאַר דער צייט פון דער אָקופּאַציע, זייגען צו דער מיסיע ניט צוגעשטעלט געוואָרן. עס איז אָבער פאַרזיכערט געוואָרן פון דער רעגירונג, אַז ציווילע מענטשן האָבן געקעמפט אויף ביידע זייטן, און אַז מאַנכע פון דער ציווילער באַפעלקערונג האָבן געשאָסן אויף סאָלדאַטן.

איבער 2000 יידישע הייזער און געשעפטן אין שטאָט זייגען אויסגעראַבירט געוואָרן אין די דריי טעג פון סאָלדאַטן און פון ציווילע כוליגאַנעס און די אייגנטימער פון די הייזער און געשעפטן זייגען געשלאָגן און געמאַטערט געוואָרן. די יידישע קהילה פון ווילנע פאַרזיכערט, אַז דער שאָדן פון די רויבערייען באַטרעפט איבער 10 מיליאָן רובל.

אַ סך פון די אָריגינעלסטע פאַמיליעס זייגען אויסגעראַבירט געוואָרן און מען האָט ביי זיי צוגענומען דאָס בעטגעוואַנט און די דעקעס, די שיך פון די פיס און די קליידער. הונדערטער יידן זייגען אַרעסטירט געוואָרן און זייגען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון שטאָט. מאַנכע פון זיי זייגען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין פראַכטוואַגאָנעס און זייגען געהאַלטן געוואָרן אָן שפּייז און וואַסער פיר טעג צייט. אַלטע לייט און פרויען זייגען אַוועקגעשלעפּט געוואָרן אָן וועלכן ס'איז פּראָצעס, אָדער אונטערזוכונג. צוויי פון די דאָזיקע אַרעסטאַנטן זייגען געשטאָרבן פון דער שוידערלעכער באַהאַנדלונג.

אין דער ליסטע פון די אַרעסטירטע האָבן זיך געפונען מאַנכע פון די חשובסטע יידן פון ווילנע, ווי למשל, די באַקאַנטע יידישע שריפטשטעלער יפה און ניגער.

פיר טעג זייגען די פאַמיליעס פון די אַרעסטירטע געוועזן אָן שום ידיעות פון זיי און האָבן זיך געשראָקן, אַז זיי זייגען דערהרגעט געוואָרן. די סאָלדאַטן האָבן זיך אויך אַריינגעכאַפּט אין שול און האָבן געשענדט די ספר=תורות.

ביז דעם 3=טן אַווגוסט 1919, ווען די מיסיע איז געווען אין ווילנע, זיינען קיינער פון די סאָלדאַטן און די ציווילע כוליגאַנעס, וועלכע זיינען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פּאָגראָם און פאַר די גוואַלד=מעשים ניט באַשטראָפט געוואָרן און קיין שום אויספאָרשונג איז וועגן זיי ניט פאָרגעקומען".

מאָרגנטויס באַריכט האָט געמאַכט אַ שווערן אײַנדרוק אויף דער יידישער געזעלשאַפט מיט זיין צוריקגעהאַלטנקייט און עכט „יאַהודישער" פּחדנות אָנצורופן די זאַכן מיטן אמתן נאָמען. די גאַנצע יידישע פּרעסע, בפרט אין אַמעריקע, איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן מאָרגנטויען און זיין גאַנצן בלאָף מיטן „שלום מאַכן צווישן די יידן און פּאָליאַקן". באַזונדערס איז די פאַרביטערונג פון די יידישע קרייזן קעגן ווילסאָנס שליח געווען גרויס צוליב דער טאַקטלאָזיקייט מיט די פּראָקלאַמאַציעס אין נאָמען פון דער מאָרגנטוי=קאָמיסיע צו די מינסקער יידן. גענעראַל דזשאַדווין איז מיטגעפאָרן מיט דער פוילישער אַרמיי אין מינסק, אָבער אפילו זיין געגנוואַרט האָט ניט אָפּגעהאַלטן די פוילישע לעגיאָנערן פון בלוטיקע עקסצעסן איבער דער יידישער באַפעלקערונג.

אַליין אַן עדות פון אַ מיליטערישן פּאָגראָם, האָט דזשאַדווין, זיך געפינענדיק אינגאַנצן אונטער דער השפּעה און אין דער סביבה פון די פוילישע מיליטערישע פירער, דאָך זיך ערלויבט צונויפצושטעלן אַ טענדענציעזן באַריכט וועגן די עקסצעסן קעגן יידן מצד די פּאָליאַקן, וואָרים אפילו דער באַריכט פון מאָרגנטוי איז פאַר אים געווען צו שאַרף...

פאַרשטייט זיך, אַז נאָך די דאָזיקע באַריכטן האָבן די פוילישע שוואַרצמאהניקעס געהאַט די מעגלעכקייט צו באַשולדיקן די יידן, אַז זיי האָבן געמאַכט אַ בילבול אויף דער פוילשער אַרמיי, והראיה — דער „ייד" מאָרגנטוי אַליין האָט ריינגעוואַשן דעם פוילישן נאָמען פון דער באַשולדיקונג אין יידישע פּאָגראָמען.

אָבער איידער די באַריכטן פון דער אַמעריקאַנער אויספאָרשונגס=קאָמיסיע זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן (און דאָס איז געשען אין אַ סך חדשים אַרום), האָט איר אַרבעט דאָך געהאַט אַ שטיקל באַדייטונג, ווייל זי האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער אויסערלעכער וועלט צו דער לאַגע פון די יידן אונטער דער פוילישער מאַכט.

און די קליינע און גרעסערע נגישות קעגן דער יידישער באַפעלקערונג האָבן ניט אויפגעהערט, הגם זיי האָבן שוין געטראָגן אַ פאַראיינצלטן כאַראַקטער. דאָ און דאָרט פלעגן נאָך פוילישע זעלנער באַפאַלן אַ יידן, שלעפן זיי אויף צוואַנגס=אַרבעט, אַריינרייסן זיך אין קלויזן און בתי=מדרשים וכדומה. די מאַכט פלעגט זיך פאַרענטפערן מיט פאַרשיידענע תּרוצים, אָבער קיין קאַטעגאָרישע מיטלען האָט זי ניט אָנגענומען.

אויך די אַרעסטירטע און אינטערנירטע זיינען נאָך ניט באַפרייט געוואָרן. נאָך אין אָנהייב נאָוועמבער האָט דער ווילנער ראַבינער רובינשטיין דערלאַנגט דעם מלוכה=שעף אַ מעמאָריאַל וועגן דעם ענין. אין דעם דאָזיקן מעמאָריאַל ווערט אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז לויט דער הבטחה פון מלוכה=שעף אין אַפּריל 1919 איז געגרינדעט געוואָרן אַ געמישטע קאָמיסיע פון פאָרשטייער פון דער ווילנער באַפעלקערונג און פון דער מיליטערישער מאַכט אויף צו באַפרייען די אומשולדיק אינטערנירטע, וואָס זיינען אַרעסטירט געוואָרן אין ווילנע בעת פאַרנעמען די שטאָט דורכן פוילישן מיליטער. די דאָזיקע קאָמיסיע האָט באַפרייט 298 יידן און 156 קריסטן פון ביאַליסטאָק, פון קאָנצענטראַציע=לאַגער אין דאָמביע 27 קריסטן און 11 יידן, פונם קאָנצענטראַציע=לאַגער אין וואָדאָוויצע — 17 קריסטן און 3 יידן און פון קאָנצענטראַציע=לאַגער אין שטשאַלקאָוו 41 קריסטן און 41 יידן. אָבער די דאָזיקע באַפרייטע זיינען נאָר אַ קליינער טייל פון דער אַלגעמיינער צאָל אומשולדיק אינטערנירטע; די איבעריקע האָט מען ניט געקאָנט באַפרייען דערפאַר, ווייל די קאָמיסיע איז נאָר געווען באַפולמעכטיקט צו באַפרייען די אַרעסטירטע אין ווילנע און ניט די אַרעסטירטע פון אַנדערע שטעט. אויסער דעם האָט די מיליטערישע מאַכט זיך אַנטזאָגט אַרויסצולאָזן פון קאָנצענטראַציע=לאַגער אין שטשאַלקאָוו די פּערזאָנען, וואָס די קאָמיסיע האָט באַפרייט.



ווייטער איז אין מעמאָריאַל אויך אָנגעוויזן געוואָרן אויף דעם, אַז די אינטערנירטע האָבן שוין פיל איבערגעליטן אין די לאַגערן, און אַז זיי זיינען שוין זייער אויסגעמאַטערט. דעריבער זאָל דער מלוכה=שעף אַרויסגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז די קאָמיסיע זאָל באַנייען איר טעטיקייט אַרומצופאָרן איבער אַלע קאָנצענטראַציע=לאַגערן, כדי אויסצופאָרשן און באַפרייען אויפן אָרט אַלע אומשולדיק אינטערנירטע.

דער מעמאָריאַל פון הרב רובינשטיין האָט געהאַט אַ פּעולה און ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ נייע קאָמיסיע, אין וועלכער ס'זיינען אַריין אַלס פאָרשטייער פון גענעראַל=קאָמיסאַר פאַר די מזרח=לענדער, אַ פּראָקוראָר און אַ ריכטער (פון זיי איין ייד) און אַלס פאָרשטייער פון דער ווילנער באַפעלקערונג די ה"ה שענפעלד (פּאָליאַק) און כווירסקי (ייד). דער קאָמיסיע האָט זיך איינגעגעבן צו באַפרייען פון די קאָנצענטראַציע=לאַגערן 535 פּערזאָן.

---

## סעמיועלס אויספאָרשונג.

איידער עס זיינען נאָך פאַרעפנטלעכט געוואָרן די באַריכטן פון דער אַמעריקאַנער אויספאָרשונגס=קאָמיסיע, האָט אויך ענגלאַנד באַשלאָסן אַרויסצושיקן אירע אַ קאָמיסיע אויסצופאָרשן די עקסצעסן און נגישות קעגן די יידן אין פוילן. נאָך מיט אַ געוויסער צייט פאַר דעם האָט דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר אין וואַרשע צוגעשטעלט זיין רעגירונג אַ באַריכט, אַז אין ווילנע זיינען בעת די געשעענישן דערשאָסן געוואָרן נאָר באָלשעוויקעס, וואָס האָבן זיך געשלאָגן קעגן פוילישן מיליטער. די יידישע געזעלשאַפט האָט קעגן דעם פּראָטעסטירט; דער שריפטשטעלער ש. אַנ — סקי ז"ל האָט פאַרעפנטלעכט אין די יידישע צייטונגען אין וואַרשע אַ אָפענעם בריוו וועגן די ווילנער געשעענישן צו ענגלישן אַמבאַסאַדאָר, וועלכער איז געווען זייער שאַרף געשריבן און האָט געמאַכט אַ אומגעהייערן אײַנדרוק. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אָנפראַגעס ביי דער ענגלישער רעגירונג און מעגלעך, אַז צוליב דעם איז עס באַשלאָסן געוואָרן אַראָפּצושיקן די ענגלישע אויספאָרשונגס=קאָמיסיע אויפצודעקן דעם אמת.

קיין ווילנע איז די ענגלישע קאָמיסיע אָנגעקומען דעם 13=טן נאָוועמבער. זי איז באַשטאַנען פון סער סטיוואַרט סעמיועל (אַ ברודער פון נציב העליון אין א"י הערבערט סעמיועל), דעם ענגלישן קאַפּיטאַן רייט און אַ פאָרשטייער פון פוילישן מיניסטעריום פאַר אויסלענדישע ענינים. נאָכן גרויסן טומל מיט מאָרגנטויען האָט שוין די נייע קאָמיסיע ניט געמאַכט אַזאַ רושם, ווייל קיין ממשותדיקס פון איר האָט שוין קיינער ניט ערוואַרט.

סער סעמיועל האָט אָפּגעהאַלטן אייניקע קאָנפערענצן מיטן פּרעזידיום און פאַרוואַלטונג פון דער קהילה, מיט ראַבינער רובינשטיין, ד"ר שאַבאַד וועגן די געשעענישן אין די אַפּריל טעג און בכלל וועגן דער יידישער לאַגע אין פוילן. כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס סעמיועל (ווי אַלע אויסלענדער) האָט זיך דערהויפּט אינטערעסירט, צי די „עקסצעסן" זיינען פאָרגעקומען נאָר אויפן גרונד, וואָס יידן ווערן באַשולדיקט אין באָלשעוויזם און אויף וויפיל ס'זיינען ריכטיק די קלאַגען, וואָס ווערן פאַרשפּרייט, אַז יידן האָבן געשאָסן אויפן פוילישן מיליטער.

שבת האָט סעמיועל געדאַוונט אין גרויסער שול, עולה לתורה

געווען, מנדב געווען 1000 מאַרק, אויסגעהערט אַ רעדע פון הרב רובינשטיין, וועלכער האָט אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז סער סעמיועל, וואָס איז דער ערשטער אַרויסגעטראָטן אין ענגלישן פּאַרלאַמענט קעגן די באַגרעניצונגען פון די יידישע עמיגראַנטן, וועט איצטער אויך מוטיק אַרויסטרעטן קעגן די שוידערלעכע גוואַלד־טאַטן, וואָס ווערן באַגאַנגען קעגן יידישן פאָלק.

זונטאָג דעם 16 נאָוועמבער איז לכבוד סעמיועלן פאָרגעקומען אַ פייערלעכע באַגריסונגס־פאַרזאַמלונג אין „מזרחי", וואו הרב רובינשטיין האָט אים ווידער באַגריסט.

בעת סעמיועלס באַזוך אין קהילה, האָט ער די יידישע פאָרשטייער אין דער געגנוואַרט פון ענגלישן קאַפּיטאַן רייט און דעם פאָרשטייער פון פוילישן מיניסטעריום געוויזן אַזאַ מין פּאַפּיר:

„ע ר ק ל ע ר ו נ ג.

די אונטן געחתמעטע מיטגלידער פון דער דענישער געזאַנדשאַפט־סעקציע אין פעטערבורג ערקלערן, אַז זיי אַליין זיינען געווען עדות און מיט די אייגענע אויגן געזען שבת, דעם 19 אַפּריל פון היינטיקן יאָר, אויפן ווילנער וואָקזאַל אַן אָרגאַניזירטע שיסעריי פון דער ציווילער יידישער באַפעלקערונג, געווענדט פון די פענסטער פון די הייזער אויפן פוילישן מיליטער.

זיי מאַכן די דאָזיקע ערקלערונג אין פּולן באַוואוסטזיין פון דעם אָנגעוויזענעם פאַקט.

וואַרשע, 25 אַפּריל 1919.

געחתמעט: פּ. זאַקסענבערג, ד"ר קליין, אַ. ערנסט.

די קאָפּיע באַשטעטיקן: מ. סלאָבאָדסקי, לייטענאַנט;

יוגעניוס דאָבאַטשעווסקי, לייטענאַנט".

דער אָריגינאַל געפינט זיך צווישן די אַקטן פון דעם קאָמענדאַנט פון וואַרשע.

ביי דער לינקער זייט פון דעם דאָזיקן פּאַפּיר (אין פראַנצויזישער איבערזעצונג) פון אונטן געפינט זיך אַ חתימה מיט אַ פּוילישן אָדלער מיט דער אויפשריפט: מיניסטעריום פאַר אויסלענדישע ענינים.

די יידישע פאָרשטייער האָט דאָס זייער פאַרוואונדערט, און נאָכדעם, ווי מ'האָט זיך איבערגעשריבן מיט קאָפּענהאַגן, האָט זיך אַרויסגעוויזן: 1) אַז אין די געזאַנדשאַפטן פון דענישן מיניסטעריום פאַר אויסלענדישע ענינים זיינען גאָר אַזעלכע באַאַמטע מיט די דערמאָנטע נעמען ניטאָ, 2) אַז די מיטגלידער פון דער פעטערבורגער געזאַנדשאַפט זיינען גאָר איבער ווילנע ניט געפאָרן.

ניט געקוקט אויף די אָפטע אויסלענדישע דעלעגאַציעס און קאָמיסיעס אויסצופאָרשן די לאַגע און מאַכן שלום צווישן די פּאָליאַקן און יידן האָבן דאָך די נגישות אַלץ ניט אויפגעהערט.

באַזונדערס האָט די יידישע באַפעלקערונג געליטן פון דער פּרנסה, וואָס די לעגיאָנערן האָבן זיך געמאַכט — צו כאַפּן יידן אויף אַרבעט, כדי צו באַקומען אויסקויף־געלט. די קהילה האָט וועגן די נגישות דערלאַנגט דער מאַכט אַ מעמאָראַנדום מיט אַ פּראָטעסט. אַלס ענטפער אויף דעם זיינען ד"ר צ. שאַבאַד און ד"ר וויגאָדסקי אַרויסגערופן געוואָרן צום שטעלפאַרטרעטער פון גענעראַל־קאָמיסאַר פון די מזרח־קאַנטן, ניעדזיאַלקאָווסקי, אויף ערקלערונגען. ער האָט די יידישע פאָרשטייער אויפגעוואָרפן די צו שאַרפע פאָרם פון מעמאָראַנדום און געגעבן די אָנצוהערעניש, אַז פאַר אַזאַ פאַרהאַלטן זיך צו דער מאַכט, פאַרדינען זיי צו ווערן אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן; דערויף האָט ד"ר וויגאָדסקי געענטפערט: „פּראָשע!"

ביי די אַלע פאָרגעקומענע רדיפות און נגישות האָט די מאַכט געהאַט שטענדיק אַ תירוץ אויף די יידישע טענות. פאַר די





געשעענישן פון די אַפּריל־טעג האָט זי זיך פאַרענטפערט דערמיט, וואָס די שטאָט האָט זיך נאָך דאַמאָלסט געפונען אין מלחמה־צושטאַנד, און צוליב דעם איז שווער געווען פעסטצושטעלן און באַשטראָפן די שולדיקע; בנוגע די ראַבירונגען האָט די מאַכט געוואָלט איינריידן, אַז דאָס זיינען בלויז איינצלנע פאַלן, וועלכע זי איז ניט ביכולת אָפּצוהאַלטן; שפּעטער, אין אָקטאָבער, ווען די „איינצלנע פאַלן", האָבן זיך פאַרמערט, האָט זי געהאַט אַ תירוץ, אַז ס'בייט זיך די קאָמאַנדע.

אָבער אויך שפּעטער האָבן די נגישות זיך איבערגעחזרט פון צייט צו צייט. אַ באַזונדערס ווילדער און ברוטאַלער פאַל איז פאָרגעקומען דעם 8 דעצעמבער:

אין מיטן העלן טאָג פאַר די אויגן פון דער מאַכט איז געמאַכט געוואָרן אַ שרעקלעכע עקזעקוציע איבער אַן ערך 60 יידן. אַרום 2 בייטאָג זיינען די יידישע כרעגער און פורמאַנעס לעבן דער פראַכט־סטאַנציע אַרומגערינגלט געוואָרן און מ'האָט געפאָדערט פון זיי פּעסער. אַ מאַן 20 פון זיי האָט מען באַפרייט, די איבעריקע פאַרהאַלטן; מ'האָט זיי אַריינגעפּאַקט אין אַ פראַכט־וואַגאָן און ווי שעפּסן צו דער שחיטה אַוועקגעפירט זיי ווייט הינטערן שטאָט, געהייסן לויפן אַ וויאָרסט איבער די ליניעס. די אַלטע, וואָס האָבן ניט געקאָנט מיטהאַלטן, האָט מען געשלאָגן מיט די קאָלבעס פון די ביקסן. נאָכדעם, ווי מ'האָט זיי אויסגעשטעלט אין איין ריי, האָט מען זיי פאָרוויז אַריינגעפירט אין די קאַזאַרמעס, שלאָגנדיק דערביי מיט נאַגייקעס, דאַן ערשט אַריינגענומען אין אַ באַזונדער צימער. אין צימער איז געשטאַנען אַ באַנק, אויף וועלכער די יידן האָבן זיך געמוזט לייגן, און אַן עלטערער האָט אָנגעוויזן, וויפיל שמיץ צו געבן יעדערן; מ'האָט זיך געזעצט די געפייניקטע אויפן קאָפּ און אויף די פיס און צוויי האָבן איינציקווייז געשמיסן מיט נאַגייקעס און מיט שטעקנס. ביים צַרויסגיין האָט מען זיי ווידער געשלאָגן. צווישן די געליטענע איז געווען אַ 13 יאָריק יינגל און אַ 75 יאָריקער געבריכטער ייד.

פאָרן מיט דער באַן איז געווען פאַר יידן אַן אָפּקומעניש, פאַרבונדן ניט נאָר מיט פאַרעיידענע באַליידיקונגען און עינוים, נאָר ממש מיט סכנות־נפשות: מוראדיקע עקזעקוציעס, בערד־שניידעניש, וואַרפעניש פון די צוגן א. אַ. וו. אין אָנהייב איז קיין דירעקטער באַן־פאַרקער צווישן ווילנע און וואַרשע ניט געווען, פלעגט מען זיך דאַרפן איבערזעצן אין לידע, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן פאַר די יידן אין אַן אמתן גיהנום.

דער באַנדיטיזם, רויבערייען, אָנפאַלן, גנבות מיט רציחות האָבן זיך פאַרשפרייט אויף אַזוי ווייט, אַז ביסלעכווייז האָבן אָנגעהויבן צו ליידן ניט נאָר יידן אַליין, נאָר אויך קריסטן. אַזוי צ. ב. איז געמאַכט געוואָרן אַ אָנפאַל אויף דער מלוכה־קאַסע און מ'האָט געקוילעט די וואַך; ס'איז געמאַכט געוואָרן אַן אָנפאַל אויפן אַמעריקאַנער דעלעגאַט ד"ר בליאָק; ס'איז דערהרגעט געוואָרן דער מיטליד פון שטאָטראַט מיצקעוויטש.

כאַראַקטעריסטיש איז, אַז פון די אַלע פאַלן רציחות, גזלות, גנבות וואָס אין שטאָט זיינען פאָרגעקומען, זיינען די פאַרברעכער קיינמאָל ניט אַנטדעקט געוואָרן.

אַנשטאָט צו באַקעמפן דעם באַנדיטיזם און הפקרות פון די מיליטער־לייט און ציווילע, האָט זיך די מאַכט פאַרנומען מיט מאַכן רעוויזיעס, ניט איבערקלייבנדיק. אַזוי, למשל, האָט מען ביי איינעם פון די חשובסטע יידן אין שטאָט, ביי דעם פאָרזיצער פון דער יידישער קהילה, ד"ר צ. שאַבאַד, געזוכט אין זיין בעט מיליטערישע קאָלדרעס. די אַלטע גרויסע שטאָט־שול איז אויך פאַרשוועכט געוואָרן. פרייטאָג דעם 12 דעצעמבער זיינען די יידישע קוואַרטאַלן, ווי גלעזער־גאַס, יידישע גאַס, יאַטקעווער גאַס, אַרומגערינגלט געוואָרן און ס'זיינען געמאַכט געוואָרן רעוויזיעס. דערביי האָט מען אויך ניט פאַרגעסן אָן ווילנער שול־הויף. אַ גרויס

אָפּטיילונג פון מיליטער מיט מיליציאָנערן האָט פאַרנומען אַלע אַריינגאַנגען און אַרויסגאַנגען פון שולהויף, אַ צווייטע אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון 2 אָפיצירן האָט זיך גענומען מאַכן אַ רעוויזיע אין דער גרויסער שול. פון שול זיינען זיי אַריין אין פּאָליש און אונטערן ארון-קודש אָנגעהויבן צו ברעכן די פּאָדלאָגע מיט ברעכאייזנס. נאָכדעם זיינען זיי אַרויף אין „תפארת בחורים", אין דער אַלטער קלויז, געזוכט אין יידישער באָד. די יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן שולהויף זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן. אויפן אָרט זיינען גלייך געקומען ראַבינער רובינשטיין און ד"ר וויגאָדסקי, דערגיין וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך, אָבער אויך זיי האָט מען פון שולהויף ניט אַרויסגעלאָזן. און ערשט דאַן, ווען די אונטערזוכונג האָט זיך געענדיקט, האָט מען אַלעמען באַפרייט. די רעוויזיע האָט געדויערט $2\frac{1}{2}$ שעה, די גאַנצע צייט זיינען איבערן שולהויף אַרומגעגאַנגען לעגיאָנערן און מיליציאָנערן מיט בלויזע שווערדן.

די יידן האָבן נאָך ניט באַוויזן צו פאַרגעסן די עוולה, ווי זיי איז אָנגעטאָן געוואָרן אַ נייע באַליידיקונג. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס מ'האָט גאָרנישט געפונען אויפן שולהויף, איז מען אין אַ קורצער צייט אַרום ווידער געקומען און געמאַכט אַ צווייטע רעוויזיע אין שול. דאָס מאָל האָבן זיך די מיליטערלייט שוין ניט באַגנוגנט מיטן אויפברעכן די פּאָדלאָגע, נאָר מ'האָט אויך אַרויסגענומען די ספר-תורות, געזוכט אין ארון-קודש. פאַר די לעצטע עטלעכע הונדערט יאָר איז אַזאַ חילול-הקודש פאָרגעקומען אין ווילנע צום ערשטן מאָל.

אַ דעפּוטאַציע פון דער קהילה האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם פראָנט-קאָמאַנדיר וועגן די דאָזיקע פּאַסירונגען. ווען די יידישע פאָרשטייער האָבן אים דערציילט וועגן די נגישות אויפן באַן האָט ער זיי געפרעגט: „מער גאָרנישט?" האָבן זיי אים דערציילט וועגן דער רעוויזיע אין שול, האָט ער ווידער געפרעגט „מער גאָרנישט?" האָבן זיי געענטפערט: „מער גאָרנישט!" „נו צום ווידערזען!" האָט זיי געזאָגט דער קאָמאַנדיר פון ליטוויש-ווייסרוסישן פראָנט.

דעם 18 דעצעמבער איז געמאַכט געוואָרן אין פאַראיין פון די האַנדלס-אָנגעשטעלטע אַן אָבלאַווע און ס'זיינען אַרעסטירט געוואָרן 24 מענטשן, וועלכע זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן אין לוקישקער טורמע.

דעם 29 דעצעמבער איז געמאַכט געוואָרן אַ שטרענגע רעוויזיע אין גראָסע-קלוב. זשאַנדאַרמען מיט אויסגעשטרעקטע בלויזע שווערדן, באַגלייט פון אַן אָפּטיילונג באַוואָפנטע סאָלדאַטן, זיינען אַריין אין קלוב, בעת די הכנות צום ניי-יאָר-אָוונט, ווען ס'איז געווען אין קלוב ביי עטלעכע הונדערט מענטשן. 6 שעה — ביז 4 באַגינען האָט די רעוויזיע געדויערט. מ'האָט צוגענומען אַלע פּאַפּירן און די פאַרוואַלטונג פון קלוב, וואָס איז אין שטאָט געווען גוט באַקאַנט, איז אַרעסטירט און אָפּגעפירט געוואָרן אין לוקישקער טורמע. רעוויזיעס מיט אַרעסטן זיינען אויך דורכגעפירט געוואָרן אין ראַטנער-קלוב און באָראָכאָוו-קלוב.

דינסטאָג 30 דעצעמבער אינאָוונט האָבן זיך יידישע קינדער געגליטשט פון באַרג אויף קליינפּאָהולאַנקע אויף שליטעלעך. זיי זיינען אַרומגערינגלט געוואָרן דורך מיליציאָנערן מיט אַ העכערן באַאַמטן, אָפּגעפירט געוואָרן אין צירקל, וואו מ'האָט קאָנפיסקירט ביי זיי די שליטעלעך און די פאַמיליעס זייערע פאַרשריבן.

דער נייער 1920 יאָר האָט מיט זיך קיין שינוים אין די באַציאונגען צו יידן ניט מיטגעבראַכט, ניט געקוקט אויף די פאַרזיכערונגען און אפשר באַמיאונגען פון דער העכערער מאַכט צו מאַכן אַ סוף צו דער הפקרות. אַזוי צ. ב. האָבן זיך לעגיאָנערן אַריינגעריסן איינמאָל אינאָוונט אין קהילה, און ניט באַווייזנדיק קיין אָרדער, אָנגעהויבן אַלעמען צו רעווידירן. זיי האָבן איבערגעריסן די לימודים פון די לערער-קורסן אין בנין פון קהילה, אַלעמען רעווידירט און אייניקע קורסיסטן אַרעסטירט.



אין איר גרויס התמדה האָט די זשאַנדאַרמעריע ניט דורכגעלאָזן אַזאַ פּאָליטיש כשרע אינסטיטוציע, ווי דער סוחרים-פאַרבאַנד. דעם 8 יאַנואַר איז דער גאַנצער הויף, וואו דער סוחרים-פאַרבאַנד האָט זיך געפונען (זאַוואַלנע 28), אַרומגערינגלט געוואָרן, אַלץ איז רעווידירט געוואָרן און אייניקע שכנים פון הויף אַרעסטירט.

די רבנים גאָרדאָן און ידידאָוויטש פון שניפּישאָק זיינען אַרויסגערופן געוואָרן אין זשאַנדאַרמעריע, וואו מ'האָט זיי דערקלערט, אַז הרב גאָרדאָן ווערט באַשולדיקט אין האַלטן אַ רעדע קעגן דער פּוילישער מאַכט.

אויפן גאַס פלעגן „העלדן" אַלץ נאָך באַפאַלן די שוצלאָזע יידן און שניידן אָדער רייסן די בערד. אַזוי צ. ב. זיינען די לעגיאָנערן דעם 1 פעברואַר באַפאַלן דעם לידער רב, בעת ער איז געפאָרן פון ווילנע אַהיים, האָבן אים געוואָלט אָפּשניידן די באָרד, נאָר צום גליק האָט ער זיך פאַר 400 מאַרק פּדיון אויסגעקויפט.

דער גלובאָקער רב איז באַלידיקט געוואָרן אין שפּיאָנאַזש. נאָכן אָפּזיצן 6 וואָכן צייט איז ער לויט דער השתדלות פון דער ווילנער קהילה באַפרייט געוואָרן.

דעם 14 פעברואַר איז די יערלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון יידישן באַנק ניט פאָרגעקומען צוליב דעם, וואָס דער קאָמיסאַר פון 1-טן צירקל האָט פאַרבאָטן צו ריידן יידיש.

דעם 28 פעברואַר איז אין וואוינונג פון ד"ר שאַבאַד דורכגעפירט געוואָרן אַ גרינדלעכע רעוויזיע, דערביי איז מען אַריין אין געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ", וואָס האָט זיך געפונען אין שאַבאַדס דירה און אַרעסטירט 7 מענטשן.

דעם 25 פעברואַר איז געמאַכט געוואָרן אַ רעוויזיע אין גימנאַזיע „אַפּסוז" (אַלעקסאַנדער-בולוואַר) בעת וועלכער ס'איז אַרעסטירט געוואָרן אַ גרופּע יידישע שילער. ס'איז אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען, אַז ווען די יורידישע אָפּטיילונג ביי דער קהילה האָט זיך משתדל געווען פאַר זיי, האָט מען איר אין זשאַנדאַרמעריע געענטפערט, אַז די שילער קענען באַפרייט ווערן, אויב די עלטערן וועלן געבן אַן אונטערשריפט, אַז זיי וועלן די קינדער ביי זיך אינדערהיים אָפּשמייסן.

דעם 29 פעברואַר, ווען אַ לוויה איז דורכגעגאַנגען פאַרביי דעם 6 צירקל אויף זאַרעטשע זיינען פון צירקל אַרויסגעגאַנגען מיליציאָנערן און אויפגעריסן די ארונות. זוכנדיק דאָרטן גאָלד און זילבער. אייניקע פון די מלווים, וואָס האָבן געפּרובט עפּענען אַ מויל, האָט מען מערדערלעך צעשלאָגן.

אַרום פּורים-צייט איז פאַרמאַכט געוואָרן דער טורן-פאַראיין „מכבי" (ער איז געעפנט געוואָרן ערשט זומער לויט דער השתדלות פון סיים-דעפּוטאַט הירשהאָרן).

בכלל פלעגט די מאַכט טאָלערירן די יידישע פאַראיינען און אָרגאַניזאַציעס, אָבער איין מאָל פאַר אַלע מאָל לעגאַליזירן זיי — דאָס ניט; הגם ס'פלעגן ניט געמאַכט ווערן קיין באַזונדערע שטערונגען אַיינצואָרדענען פאַרזאַמלונגען און עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען, פלעגט דאָך דאָס שטאַרק טאָרמאָזירן די אַרבעט. אפילו די קהילה האָט ניט געהאַט קיין באַשטעטיקטן סטאַטוט. בעת עס איז אויפגעשוואומען די פראַגע פון נייע וואַלן צו דער קהילה זיינען באַגעגנט געוואָרן פאַרשיידענע מניעות מצד דער מאַכט, וואָס האָט געוואָלט האָבן דורכאויס אַ רעליגיעזע קהילה.

צום יאָרצייט פון די אַפּריל-געשעענישן זיינען די יידישע צייטונגען פאַר דערמאָנען די געפאַלענע קדושים אין אַ מודעה (קיין אַרטיקלען האָט די מאַכט ניט דורכגעלאָזן) קאָנפיסקירט און פאַרמאַכט געוואָרן, הגם זיי איז דעם אייגענעם טאָג דערלויבט געוואָרן ווידער אַרויסצוגיין.

דער קאָרעספּאָנדענט פון „קוריער וואַרשאַווסקי" האָט אין יענעם טאָג געשריבן:

„דאָס, וואָס די יידן אין ווילנע האָבן זיך ניט געוויזן אויף די גאַסן בעת די כאַניפּעסטאַציעס פונם פוילישן המון דעם 19=טן אַפּריל און ס'האָט זיך ניט געהערט זייער „ליטוואַצקער" דיבור, האָט נאָך מער בולט געמאַכט די פוילישקייט פון שטאָט און באַוויזן, אַז די יידן אין ווילנע זיינען אַ פרעמדער עלעמענט, אַן אָנגעלאָפענער, וועלכער איז פיינדלעך דעם פוילנטום פון די „קרעסן" און מחמת דעם דאַרף מען זיי באַהאַנדלען ווי זיי זיינען ווערט". דער קאָרעספּאָנדענט פון דער אַנטיסעמיטישער צייטונג האָט גאָר פאַרגעסן, אַז די יידן זיינען געזעסן אין די היי!ער, אויס מורא פאַר „עקסצעסן".

אין ענדע יאַנואַר האָט דער קרייז=שול=אינספּעקטאָר געהאַט אַ געשפּרעך מיט די יידישע פאָרשטייער פון דער בילדונגסאָפּטיילונג ביי דער קהילה, אין וועלכן ער האָט אָנגעוויזן, אַז אין די יידישע שולן (אַלס אַזעלכע האָט ער אויך אַריינגערעכנט די רוסישע גימנאַזיע „ווועלער", וואו ס'לערנען זיך יידישע קינדער) הערשט אַ כאַאָס, דער גייסט פון האַנדל און גאַנץ ווייניק אידעאַליזם. ער האָט אויך באַשולדיקט די יידישע שולן אין דעם, אַז זיי ערציען די יידישע קינדער אין פוילן=פיינדלעכן גייסט, וואָס קען ברענגען די יידיש=פוילישע באַציאונגען צו אַ קאַטאַסטראָפע. כדי צו שאַפן אַ באָדן פאַר אַ נאָרמאַלן בירגערלעכן צוזאַמענלעבן איז נייטיק צו פאַרגרעסערן דעם לימוד פון דער פוילישער שפּראַך אין די יידישע שולן און אויף וויפיל ס'איז מעגלעך תיכף איינפירן אייניקע געגנשטאַנדן אויף פויליש. דאָס וועט געבן די מעגלעכקייט, אַז במשך פון עטלעכע יאָר וועלן זיך פיל פאַרבעסערן די פויליש=יידישע באַציאונגען. ווען אין ווילנע וואָלטן געווען פוילישע מלוכה=שולן, וואָלט דאָס שוין פאָרגעקומען במילא, ווייל די מלוכה=שולן וואָלטן באַזוכט אויך יידישע קינדער.

אינמיטן אַפּריל האָט זיך ד"ר וויגאָדסקי געווענדט אין נאָמען פון דער קהילה צום קרייז=קאָמיסאַר מיט פאָלגנדיקער שריפטלעכער בקשה:

„ה' קאָמיסאַר!

„די פוילישע מאַכט אין ווילנע דרוקט אָפּט אירע פאַראָרדענונגען פאַר דער אָרטיקער באַפעלקערונג, וועלכע זי לאָזט אויסקלעפּן אין די גאַסן. די דאָזיקע פאַראָרדענונגען ווערן אָפּגעדרוקט נאָר אויף פויליש. עס איז אָבער באַוואוסט, אַז די יידן, בערך אַ העלפט פון דער ווילנער באַפעלקערונג, קענען קיין פויליש אפילו ניט לייענען און קענען זיך דעריבער ניט באַקענען מיט די דאָזיקע פאַראָרדענונגען, אין וועלכע מען איז מתרה, אַז פאַר ניט פאָלגן קומט האַרבע שטראָפן. עס שאַפט זיך דעריבער אַזאַ ניט נאָרמאַלער מצב, ביי וועלכן די פוילישע מאַכט רעדט מיט אַ העלפט באַפעלקערונג און סטראַשעט איר מיט האַרבע שטראָפן פאַר ניט פאָלגן—אין אַ שפּראַך, וועלכע די דאָזיקע באַפעלקערונג פאַרשטייט ניט.

„די דייטשן האָבן שוין אין אָנהייב פון זייער אָקופּאַציע איינגעזען די טרויעריקע לאַגע, וואָס ווערט געשאַפן פאַר דער אָרטיקער באַפעלקערונג דורך אַזוינע פאַרעפנטלעכונגען און האָבן שוין ווייטער געדרוקט זייערע פאַראָרדענונגען חוץ דייטש אויך אין פויליש און יידיש.

„די ערשטע פוילישע אויפרופן און אויך דער ערשטער אויפרוף פון דעם מלוכה=שעף זיינען געווען געדרוקט אויך אויף יידיש. איצטער אָבער האָט מען אָנגעהויבן צו דרוקן נאָר אויף פויליש און דורכדעם זיינען די יידן אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין זייער אַ שווערער לאַגע. ווען אפילו די פאַראָרדענונגען זאָלן אויך געדרוקט ווערן אין די יידישע צייטונגען, איז דאָס צו ווייניק. דער בעסטער באַווייז איז דאָס, וואָס די פוילישע מאַכט, ווי יעדע אַנדערע מאַכט, איז געניייטיקט אויסצוקלעפּן אירע פאַראָרדענונ=





גען און מודעות אויף די גאַסן, ניט באַגנוגענענדיק זיך מיט דעם, וואָס זיי ווערן געדרוקט אין די פוילישע צייטונגען; וואָרים די צייטונגען ווערן געלייענט פון זייער אַ קליינעם טייל פון דער באַפעלקערונג. דאָס רוב מענטשן לייענט קיין צייטונגען ניט, לייענט אָבער דאָס, וואָס עס איז אויסגעקלעפּט אויף די גאַסן.

„מיר בעטן דעריבער העפלעך דעם הער קאָמיסאַר צו באַפעלן, אַז אַלע מודעות און פאַראָרדענונגען, וועלכע ווערן אויסגעקלעפּט אין די גאַסן, זאָלן געדרוקט ווערן אויך אין יידיש".

אונטערגעשריבן ד"ר וויגאָדסקי, פּאָרזיצער פון דער קהילה.

אָפּגעבנדיק די דאָזיקע בקשה, האָט ד"ר וויגאָדסקי געהאַט אַ לענגערן געשפּרעך מיטן קרייז=קאָמיסאַר, וועלכער האָט געענטפערט, אַז די פראַגע וועט אין קאָמיסאַריאַט באַטראַכט ווערן.

די גאַנצע אַטמאָספערע איז געווען דורכגעדרונגען מיט יידנהאַס. די באַציאונג צו די יידן פון דער פוילישער אינטעליגענץ האָט זיך אַרויסגעוויזן אין דער מעדיצינישער געזעלשאַפט; ווען די יידן האָבן אַרויסגעשטעלט אַלס קאַנדידאַט פון וויצע=פּאָרזיצער דעם ד"ר וויגאָדסקי—האָבן אים די פוילישע קאָלעגן געפּסלט, אַלס שונא פון פוילן און פוילנטום. אין דעם קאָאָפּעראַטיוו פאַר אָנגעשטעלטע אין מלוכה= און שטאָטישע אינסטיטוציעס האָט מען די עטלעכע יידישע אָנגעשטעלטע פון מאַגיסטראַט ניט צוגענומען.

אפילו די פוילישע אַרבעטערשאַפט איז ניט געווען פריי פון אַנטיסעמיטישע שטימונגען. אַזוי, צ. ב. האָבן די יידישע מיטגלידער פון פראָפעסיאָנעלן מוויקער=פאַראיין, וועלכער איז אַריין אין דער צענטראַל=ביוראָ פון די פוילישע קלאַסן פאַראיינען, צוגעשיקט אַ מעלדונג דער צענטראַלער ביוראָ פון די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אַז פון די אַמעריקאַנער מתנות, וואָס זייער פאַראיין באַקומט, קריגן זיי גאָרניט. זיי האָבן דעריבער געבעטן, אַז ביי די ווייטערדיקע טראַנספּאָרטן זאָל דאָס גענומען ווערן אין אַכט און עס זאָל אויסגעטיילט ווערן פאַר זיי אַ געוויסער סכום פון דער יידישער צענטראַלע.

דעם 1 מאַי, בעת די פייערונגען פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער יום=טוב, זיינען די יידן ווידער טיף באַליידיקט געוואָרן—דאָס מאָל שוין מצד די פוילישע סאָציאַליסטן. פאָרגעקומען איז דאָס אַזוי: ווען די ווילנער אַרבעטער האָבן זיך דעם 1=טן מאַי צונויפגעקליבן אויף אַן אַלגעמיינער דעמאָנסטראַציע, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די יידישע אַרבעטער זיינען אין דער מערהייט. דאַן האָט דער פאָרשטייער פון די פוילישע פראָפ. פאַ. איינען ה' גאָדוואָד פאָרגעלייגט, אַז די יידישע אַרבעטער זאָלן ביים אָנהייב פון מאַרשרוט גיין אויף די טראָטואַרן און ערשט נאָכדעם אַריינגיסן זיך ביסלעכווייז אין די רייען. די צענטראַלע ביוראָ פון די יידישע פראָפ. פאַראיינען איז אויף דעם ניט איינגעגאַנגען, און די פוילישע און יידישע אַרבעטער האָבן דעמאָנסטרירט צוזאַמען, דערביי זיינען אויך פאָרגעקומען אָנפאַלן אויף יידישע אַרבעטער מצד ציווילע כוליגאַנעס, ניט קוקנדיק אויף דער שמירה פון דער מאַכט.

„דזיעניק ווילענסקי" האָט געשריבן, אַז אין ווילנע איז פאַראַן אַ ספּעציעלע יידישע געזעלשאַפט אויסצוקויפן הייזער פון קריסטלעכע הענט, אַז יידן גיבן גרויסע סומעס געלט פּאָליאַקן, וואָס זאָלן אָפּקויפן אויף זייערע נעמען די הויפן און איבערפאַרקויפן זיי צו די יידן. אין דער העצע=אַרבעט קעגן יידן האָבן געהאַט אַ ידיד אויך די גלחים. די קירך פלעגט ווערן אויסגענוצט אַלס טריבונע צו פריידיקן קאַמף מיט יידן.

אינטערעסאַנט איז דערביי אָנצומערקן, אַז אַלע מיטלען פלעגט מען אויסנוצן, בכדי נאָר אויפצורייצן קעגן יידן. אַזוי, צ. ב. האָט אויף דעם הספד נאָך דעם מערדעריש דערהרגעטן מיטגליד פון שטאָטראַט מיסקעוויטש, דער קסיאָנדז קולעשאַ אין

קירך אָנגעוויזן צווישן אַנדערע פאַרדינסטן פון פאַרשטאָרבענעם, אַז ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אין ווילנע אויפגעהויבן דעם לאָזונג: „סוואָי דאָ סוועגאָ". כּדי צו ווייזן אַ ביישפּיל, האָט ער ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער שטאַמט פון פּויזנער אַדל, קומענדיק קיין ווילנע, ניט גערעכנט זיך מיט זיין גרויסן יחוס און געעפנט אַן אייגענעם געשעפט, פאַרנומען זיך מיט האַנדל און דעם גאַנצן לעבן געזוכט דורכצופירן דעם הייליקן לאָזונג: „סוואָי דאָ סוועגאָ".

דער דעמאָקראַטישער „נאַש קראַי" האָט געשריבן, אַז אין די ווילנער טאַנץ-קלאַסן, וואָס געפינען זיך אין יידישע הענט (אין אמתן איז פון 7 טאַנץ-קלאַסן געווען נאָר 2 יידישע, ווערט געפירט אַ באַלשעוויסטישע אַגיטאַציע און אַז פון דאָרטן פאַרשפּרייטן זיך פאַרשיידענע אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן, און איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן די ש"וציקע יידישע טעכטער.

עס זיינען ווידער אָפּגעטאָן געוואָרן נבלות אויפן אַלטן יידישן בית-עלמין:

ניט ווייט פון גר-צדקס בוים, וואו ס'ליגן פיל קדושים און אויך ר' ישראל זאַרעטשערס פאָטער, וואָס איז אומגעקומען על קידוש השם כ"א תמוז תקנ"ד, האָט מען באַגראָבן געהרגעטע פערד און אויף דער גרוב אַוועקגעשטעלט אַ מצבה פון אַ קבר.

די כסדרדיקע אָנפאַלן אויף יידן אין די גערטנער איבערהויפּט אין בערנאַרדינער גאָרטן, האָבן אַרויסגערופן אַ אינטערווענץ פון דעם סיים-דעפּוטאַט הירשהאָרן, וועלכער האָט דעם 8 מאַי באַזוכט דעם שטאָט-קאָמיסאַר פּיוואָצקי.

די שטאָט-פאַרוואַלטונג איז צוגעטראָטן איינצואָרדענען אַ פּראָם איבער דער ווילי[ע]. צו דעם דאָזיקן צוועק דאַרף מען איינגראָבן סלופּעס אויפן ברעג טייך און קיין אַנדער אָרט האָט זי ניט געפונען, ווי איינצוגראָבן די סלופּעס אויפן אַלטן בית-עולם. ס'האָט ניט געהאָלפן די השתדלות פון ראַבינער רובינשטיין און אַנדערע. מ'האָט אויפגעגראָבן זייער פיל ביינער און שאַרבנס, וועלכע דער שמש פון בית-עולם האָט צונויפגעקליבן אין אַ קאַסטן.

פרייטאָג דעם 14 מאַי איז אין ווילנע געקומען די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע אויספאָרשונגס-קאָמיסיע, געשיקט פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. דאָס איז שוין געווען די דריטע קאָמיסיע, וואָס אויסלאַנד האָט געשיקט קיין ווילנע אויספאָרשן די פּאָגראָמען. די קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון פראַנצויזישן סאָציאַליסט רענאָדעל און דייטשן אומאָפּהענגיקן אָסקאַר קאָן.

זיי האָבן זיך געזען מיט די פאָרשטייער פון קהילה, ד"ר וויגאָדסקי, ד"ר שאַבאַד (דער ראַבינער איז געווען אָפּגעפאָרן), מיט די פאָרשטייער פון „פּועלי ציון" און „בונד".

די מאַכט האָט זיך געטאָן דאָס איריקע. די איינציקע יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע שול „וויעליטשאַני", איז באַשלאָסן געוואָרן צונעמען ביי יידן. ס'איז אָפּגעשריבן געוואָרן דורכן געריכט דער גאַנצער לעבעדיקער און טויטער אינווענטאַר פון דער קאָלאָניע און די פאַרוואַלטונג פון קאָלאָניע האָט זיך געמוזט אונטערשרייבן, אַז אַלץ וועט זי איבערגעבן אומבאַרירט דעם 1 אָקטאָבער דער מאַכט. ס'זיינען אויך געווען פאַלן פון קלענערע גנישות.

דעם 23-טן מאַי 1920 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן פאָלגנדיקער באַפעל:

ס'ווערט דערמאָנט און געמאָלדן דעם פּובליקום די אזהרה, אַז פאַר אַלע טאַטן קעגן פּוילישן מיליטער, די באַמיאונג דאָס דורכצופירן און די בייזע פאַרנאַכלעסיקונג דאָס ניט צו דערלאָזן, וועט מען געמשפּט ווערן לויטן סטאַטוט דורכן קריגס-געריכט, אומאָפּהענגיק פון דעם, צי ס'זיינען ציווילע אָדער מיליטער-לייט, צי זיי זיינען אויפהעצער, הויפּט-טוער אָדער געהילפן, פאַקטישע צי מאָראַלישע פאַרברעכער. אין פאַל, ווען מ'וועט דערלאָזן אַזעלכע פאַרברעכנס וועט מען געשטעלט ווערן פאַרן פעלד-געריכט און



באַשטראָפט ווערן מיט טורמע אָדער דערשיסן. צו אַזעלכע פאַרברעכנס געהערן.

1) יעדע באַשעדיקונג פון די פאַרקערס-וועגן, בריקן, באַן-ליניע און געהילפס-איינריכטונגען פון באַן-וועג אָדער וואַסער-פאַרקער. 2) יעדע באַשעדיקונג פון די טעלעגראַפישע און טעלעפאָנישע איינריכטונגען. 3) יעדע באַשעדיקונג פון די אַנשטאַלטן, וועלכע ווערן געפירט דורך דער מיליטערישער מאַכט פאַר די נויטן פון דער אַרמיי. 4) אַלע מעשים, וועלכע האָבן דעם צוועק צו מאַכן אוממעגלעך די געהעריקע פאַרזאָרגונג פון דער אַרמיי און אירע באַדערפעניש מיט דער הילף פון אָרגאַניזירן און אַרויסרופן שטרייקן אין די אַנשטאַלטן פאַרן געזעלשאַפטלעכן געברויך, וועלכע דינען אויך פאַר דער אַרמיי, ווי צום ביישפּיל: עלעקטרישע אַנשטאַלטן, וואַסערלייטונג, גאַז-אַנשטאַלטן א. א. וו. ווי אויך די אונטערנעמונגען, וועלכע געפינען זיך אונטער מיליטערישער פאַרוואַלטונג, אָדער דורך באַשעדיקן אַזעלכע אַנשטאַלטן. 5) אַלע מעשים, וועלכע שטאַמען דורך אָנהעצן קעגן די מיליטערישע אָפּטיילונגען, אַנשטאַלטן און אַמטן אָדער מיליטערישע פּערזאָנען, זייער לעבן, געזונט אָדער זיכערקייט. 6) יעדע ניט דערלויבטע אַגיטאַציע אין די רייען פון פּוילישן מיליטער. 7) שפּיאָנאַזש און יעדע פאַרבינדונג מיטן שונא. 8) פאַרשפּרייטן ניט ריכטיקע אָדער ניט קאָנטראָלירטע ידיעות וועגן די אָפּעראַציעס פון פּוילישן מיליטער און געשעענישן אויפן פראָנט, כּדי צו באַאומרואיקן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג. 9) ניט דערלויבט פאַרשפּרייטן ידיעות וועגן די באַוועגונגען פון פּוילישן מיליטער. 10) אַלע אַנדערע מעשים, וואָס שטרעבן צו ברענגען שאָדן דעם פּוילישן מיליטער אָדער זיין קריגס-אַקציע.

מ'איז מזהיר אַלעמען פון באַגיין די דאָזיקע אויבנאויסגערעכנטע פאַרברעכנס. ס'איז אַ מאָראַלישער חוב פון דער גאַנצער געזעלשאַפט אין נאָמען פון אַלגעמיינעם וואויל צו אונטערשטיצן די מיליטערישע מאַכט אין אונטערדריקן אַזעלכע מעשים און איינהאַלטן שלום און אָרדענונג.

דער קאָמאַנדיר פון דער 7 אַרמיי — גענעראַל-פּאָרוטשניק זיגאַדלאָוויטש.

דער שעף פון געריכטלעכער אָפּטיילונג — ד"ר מאָראַווסקי, מאַיאָר.

דער קוריער וואַרשאַווסקי האָט געשריבן:

„אין דער הינזיכט פון קולטורעלער אָנגעהעריקייט צעטיילן זיך די ווילנער יידן אויף צוויי לאַגערן: אויף יידישיסטן און פולשטענדיק רוסיפיצירטע ליטוואַקעס. די צאָל פון די לעצטע וואַקסט אין דער צייט, ווען דער לאַגער פון די יידישיסטן ווערט אַלץ קלענער. די רוסישע שפּראַך דונערט אַזש אויף די ווילנער גאַסן. דאָס סיגנאַליזירן זיי אַזוי-אַרום אויף אַ לעגאַלן אופן זייערע געפילן פאַר די רוסישע באָלשעוויקעס. עס איז קיין ספק ניט, אַז פון יענער זייט פון ווייטן קריגס-פראָנט הערט מען אין דער באַליבטער באָלשעוויע, ווי עס ריידן אויף רוסיש די ווילנער יידן. געוויס זעט מען אַזש פון דאָרטן די רוסישע אויפשריפטן אויף די פענסטער פון די ווילנער יידישע קראָמען.

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע האָט דעם ערשטן אָרט פאַרנומען זשאַרגאָן, אַלס אַ דייטשער דיאַלעקט. איצט ווען די גאַנצע יידישע נשמה ליגט ביים פוס-בענקל פון טראָצקי-בראָנשטיינס טראָן רוקט זיך אַרויס די רוסישע שפּראַך פון די ווילנער יידן, אַלס אַ בריק צווישן ווילנע און מאָסקווע".

אין לופטן האָט זיך שוין עפּעס אָנגעהויבן צו פילן. די אומרואיקע נערוועזע שטימונג אין שטאָט האָט זיך גלייך אָפּגערופן אויף די יידישע פלייצעס.

דעם 26 און 27 מאַי האָט די יידישע באַפעלקערונג פון ווילנע איבערגעלעבט טרויעריקע טעג. אייניקע מחנות סאָלדאַטן,

וואָס זיינען אָנגעקומען מיטן באַן, האָבן זיך גענומען באַפאַלן דורכגייענדיקע ייִדן, געשלאָגן זיי, געשניטן די בערד, אייניקע פאַרוואונדעט מ ט מעסערס, געראַבירט קראָמען. אויפן באַן און אין שטאָט איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע מהומה. דער ראַבינער רובינשטיין האָט זיך געווענדט צום הויפּט-קאָמאַנדיר פון דער 7 אַרמיי גענעראַל זיגאַדלאָוויטש, און אָנגעוויזן אים אויף דעם, וואָס ס'קומט פאָר, דער גענעראַל האָט געבעטן פאַקטן, דער ראַבינער האָט געענטפערט: די פאַקטן זיינען אויפן גאַס, די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג פון געוויסע ראַיאָנען, ווי לעבן האַלע, סטעפן-יאַס א. אַ. וו. איז אין טויט-שרעק, און געבעטן אַרויסשיקן שטאַרקע פּאַטרולן איבער די גאַסן, וואָס דער גענעראַל האָט גלייך פאַראָרדנט. ס'איז אויך אַרויסגעלאָזן געוואָרן אַ באַקאַנטמאַכונג פון קאָמאַנדיר פון דער 7-טער אַרמיי און פון ווילנער גאַרניזאָן, אין וועלכער ס'ווערט צווישן אַנדערן געזאָגט, אַז פאַר יעדער מין הפקרות און גוואַלד-מעשים קעגן דער באַפעלקערונג מצד מיליטער-לייט וועלן די שולדיקע האַרב באַשטראָפט ווערן.

דעם 29-טן מאַי זיינען לעגיאָנערן ווידער באַפאַלן אויפן גאַס ייִדן און אָנגעטאָן זיי נגישות. די וואַך פון מיליטערישן מאַגאַזין אויף קיעווער גאַס 19 האָט אָרגאַניזירט אַן אמתן געיעג אויף די דורכגייענדיקע ייִדן, וועלכע מ'האָט געשלאָגן מכות רצח און געהאַלטן אַרעסטירט אין הויף פון מאַגאַזין. די ייִדישע קינדער פלעגן באַפאַלן ווערן בעת די שפּאַציר-גענג. די מעשים תעתועים האָבן אָנגענומען אַ כראָנישן כאַראַקטער. אין אָנהייב יוני זיינען אין פאַרשיידענע טיילן פון שטאָט פאָרגעקומען אָנפאַלן אויף ייִדן אין מיטן העלן טאָג פון ציווילע און מיליטער.

די באַציאונג צווישן דער פוילישער באַפעלקערונג מיט דער ייִדישער כאַראַקטעריזירט דער ענטפער פון די ייִדישע שולן אויפן פאָרשלאָג פון פוילישן שול-אינספּעקטאָר איינצואָרדענען אין טאָג פון אָנהייב פון די וואַקאַציעס אַ געמיינזאַמען יום-טוב פאַר די שול-קינדער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן. דערביי האָט ער פאָרגעלייגט, אַז די ייִדישע קינדער זאָלן פאַרנעמען דעם לוקישקער פּלאַץ, און די קריסטלעכע דעם קאַטעדראַל-פּלאַץ. די ייִדישע שולן האָבן אויף דעם געענטפערט אָט וואָס:

„האַלטנדיק, 1) אַז אַן אינטערנאַציאָנאַלער יום-טוב וואָלט געקענט פאָרקומען נאָר אַלס פּועל-יוצא פון אַ שטענדיקער התקרבות צווישן די קינדער פון די פאַרשיידענע אָרטיקע נאַציאָנאַליטעטן; 2) אַז אין דעם לעצטן יאָר איז די באַציאונג פון די פוילישע קינדער צו די ייִדישע געווען זייער אַ שלעכטע, וואָס האָט זיך אויסגעדרוקט אין שטענדיקע אָנפאַלן אויף די ייִדישע שול-קינדער; 3) אַז די אָנפאַלן, וועלכע נעמען די לעצטע צייט אָן אַ שאַרפן כאַראַקטער, גייען דורך ביי אַ גאַנץ פּאַסיווער האַלטונג מצד די פוילישע לערער; 4) אַז די אָנפירנדיקע פוילישע שול-אָרגאַנען האָבן אין משך פון דער גאַנצער צייט ניט אַרויסגעוויזן קיין נייגונג קומען מיט וואָס ניט איז צו הילף די ייִדישע שולן; 5) אַז ביי אַזעלכע באַדינגונגען וואָלט אונזער אָנטייל נעמען אין דעם יום-טוב געווירקט שלעכט אויף אונזערע קינדער, וועלכע וואָלטן אין דעם געזען ניט קיין אויפריכטיקע האַנדלונג פון אונזער צד, דעריבער אַנטזאָגן זיך די ייִדישע שולן אָנטייל צו נעמען אין דעם דאָזיקן יום-טוב".

אין שטאָט זיינען פאַר דער צייט פאָרגעקומען אַפילו אַרעסטן פון ייִדן. ס'איז אַרעסטירט געוואָרן אַ היבשע צאָל ייִדישע יונגע לייט, וואָס זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין קאָמוניזם. די דאָזיקע יונגע לייט זיינען נאָכדעם אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין וואַרשע אין אַ קאָנצענטראַציע-לאַגער, וואו זיי זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן ביז אַפּריל 1921. ס'זיינען אַרעסטירט געוואָרן ייִדישע סוחרים און באַשולדיקט געוואָרן אין קאָמוניזם דערפאַר, וואָס זיי האָבן איינגעוויקלט סחורה אין אַלטע צייטונגען, וואָס זיינען ערשינען פאַר דער צייט פון די באָלשעוויקעס.

ס'האָבן זיך אָנגעהויבן רעפּרעסיעס. אַזוי, צום ביישפּיל, איז ניט דערלויבט געוואָרן די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער קולטור-ליגע. דעם 21-טן יוני, בעת דער גאַסן-זאַמלונג לטובת „אָזע", זיינען אייניקע זאַמלער אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ גאַנצן מעת-לעת דערפאַר, וואָס זיי האָבן געהאַט די חוצפה פאָרצולייגן פוילישע סאָלדאַטן קויפן די בלימלעך.

בכדי צו באַזאָרגן מיט דירות די רעגירונגס-פאַרוואַלטונגען און די פוילישע מיטל- און פּראָפעסיאָנעלע שולן, וואָס האָבן זיך געזאָלט עפענען פון נייעם לערן-יאָר, האָט דער גענעראַל-קאָמיסאַר פון די מזרח-קאַנטן פאַראָרדנט, אַז ס'זאָל תיכף רעקווירירט ווערן דער בנין פון דער ייִדישער קינדער-קיך און אַמבולאַטאָריע אויף קליין-פּאָהולאַנקע 15 און די ערשטע ייִנגלשול „מפיצי-השכלה" אויף אָסטראָבראָם 30.

דאָך ניט געקוקט אויף די אָפּטע צרות, וואָס די ייִדן האָבן געהאַט אויסצושטיין, האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער ייִדישער באַפעלקערונג באַדייטנד פאַרבעסערט, צו וואָס עס האָט פיל מיטגעהאָלפן די אַמעריקאַנער שטיצע. די מלאָכה און האַנדל האָבן אויפגעלעבט, די אַרבעטסלאָזיקייט האָט זיך באַדייטנד פאַרקלענערט.

ניט לאַנג אָבער איז באַשערט געווען די ייִדן צו לעבן „רואיק".

## פאַר דער עוואַקואַציע.

אין אָנהייב יולי האָט זיך אָנגעהויבן צו שפּירן אין דער לופטן אַן אומרואיקע שטימונג. מ'האָט אָנגעהויבן צו כאַפּן ייִדן אויף דער אַרבעט א. ד. גל.

דעם 7-טן יולי האָט די אָנפירונג מיטן גאַרניזאָן איבערגענומען דער גענעראַל באָרושטשאַק, וואָס איז געמאָלדן געוואָרן דורך אַ באַזונדער באַפעל. דער יקרות איז מיט אַמאָל אויסגעוואַקסן. דער פּרייז פון ברויט איז פּלוצלונג אַרויף פון 7 — 8 מאַרק אויף 28 — 30 מאַרק. אייניקע פּראָדוקטן, ווי צוקער, זאַלץ, פעטס זיינען אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן פון מאַרק.

דעם 8-טן יולי האָט מען אויף די גאַסן געכאַפּט ייִדן אויף אַרבעט, וועגן דעם האָבן זיך צום שטאָט-קאָמענדאַנט טורקול געווענדט ראַבינער רובינשטיין און ד"ר וויגאָדסקי. דער קאָמענדאַנט האָט געענטפערט, אַז ער ווייס גאָרנישט, און צוגעזאָגט אָנצונעמען מיטלען. דערביי האָט ער געמאַכט אַ התראה די ייִדישע פאָרשטייער, אַז עס וועלן אָרגאַניזירט ווערן אונטערזוכונגען אין די קראָמען און בעקערייען, בכדי צו געפינען די באַהאַלטענע עסנוואַרג און אַנדערע סחורות. די בעקער און קרעמער, ביי וועמען מען וועט געפינען באַהאַלטענע פּראָדוקטן וועלן דערשאָסן ווערן אָן קיינע טענות, ווייל די פּראָדוקטן זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן נאָר די לעצטע 2 טעג. ער האָט אויך אָנגעוויזן אויף דעם, אַז אין דער צייט, ווען די קריסטלעכע בעקערייען זיינען אָפן, זיינען די ייִדישע פאַרמאַכט. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט זיינען טאַקע נאָכדעם געמאַכט געוואָרן אַ פולע אַרעסטן צווישן ייִדן. די אומרואיקייט אין שטאָט איז געוואַקסן, הגם גענעראַל באָרושטשאַק האָט פאַרזיכערט, אַז ווילנע דראָט ניט קיין שום סכנה.

די נערוועזע שטימונג איז נאָך געשטאַרקט געוואָרן דערמיט, וואָס דער גענעראַל-קאָמיסאַריאַט פון די מזרח-געביטן האָט אָנגענומען מיטלען צו פאַרלייכטערן דעם אָפּפאָר פון די פאַמיליעס פון די באַאַמטע, וואָס ווילן פאַרלאָזן ווילנע, כאָטש עס

איז עטלעכע מאָל אָפּגעלייגט געוואָרן, צום וואָקזאַל פלעגן זיך ציען פורן אָנגעפּאַקט מיט טשעמאָדאַנעו.

די קאָמוניקאַטן פון גענעראַל=שטאַב פלעגן אַלץ זיין לענגערע און דרייסטערע. מענטשן פלעגן אַ גאַנצן טאָג שטיין אין גרופּעס און לייענען זיי אויפמערקזאַם. זיי האָבן זיך שוין אויסגעלערנט ווי צו פאַרשטיין און אויסטייטשן די אָפיציעלע קאָמוניקאַטן, וואָס זיינען געווען פול מיט סודות און רמזים. מען האָט שוין געוואוסט דעם גאַנצן אמת. פונדעסטוועגן האָט נאָך די אָפיציעלע פּרעסע=אָפּטיילונג דעם 9=טן יולי געשריבן:

„די פאַראָרדענונגען פון דער ציוויל=מאַכט, וואָס האָבן דעם צוועק צו פאַרלייכטערן די פאַמיליעס פון די באַאַמטע ביסלעכווייז אַרויסצופאָרן פון ווילנע, האָבן אַרויסגערופן אַלאַרמיר-דיקע קלאַנגען, אַז די שטאָט איז אין אַ געפאַר און מען גרייט שוין צו די עוואַקואַציע פון די מלוכה=אינסטיטוציעס.

„אָפּוואַרפנדיק די דאָזיקע אומבאַגרינדעטע קלאַנגען, באַשטעטיקן מיר קאַטעגאָריש, אַז וועגן עוואַקואַציע פון די אַמטן פון דער ציווילער פאַרוואַלטונג פון די מזרח=געביטן („זאַזשאָנד זיעם וושכאָד יך”), איז ניטאָ קיין רייד. די לאַגע אויפן פראָנט פאָדערט ניט בשום אופן אַזעלכע טריט און באַרעכטיקט ניט קיין שום זאַך ניט דעם טומל, וואָס לייכטזיניקע אָדער בייזוויליקע מענטשן רופן אַרויס”.

פון 10 יולי איז דורך גענעראַל באָרושטשאַק איינגעפירט געוואָרן אין ווילנע און די פאָרשטעטלעך קריגסצושטאַנד. דער גאַסנפאַרקער איז דערלויבט געווען פון 4 אינדערפרי ביז 10 אינאָוונט. ס'איז פאַרבאָטן געוואָרן דער פאַרקויף פון שטאַרקע משקאות, פאַרווערט צַלערליי פאַרזאַמלונגען און איבערהויפּט צו שטיין אויפן גאַס אין גרופּעס איבער 3 פּערזאָן, פאַרן איבעררייסן די בריקן און קאַליע מאַכן דעם טעלעגראַף די שווערסטע שטראָף ביז טויט=שטראָף. די באַפעלקערונג איז אויפגעפאָדערט געוואָרן צו דערפילן איר מאָראַלישן און געזעלשאַפטלעכן חוב, איינצוהאַלטן די אָרדענונג און העלפן אַנטדעקן די פאַרברעכער.

אָבער וואָס ווייטער איז אַלץ שווערער געוואָרן איינצוהאַלטן די אָרדענונג. דאָס מיליטער, כאָטש עס איז נאָך אין ערגעץ ניט געווען צעקלאַפּט, האָט דעמאָראַליזירט אָפּגעטראָטן אין אומאָרדענונג. עס האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס צופירן פון פּראָדוקטן, מ'האָט שוין מער ניט געקאָנט האַלטן בסוד די עוואַקואַציע פון די מיליטער=סקלאַדן און איינריכטונגען, וואָס האָט געדויערט שוין עטלעכע וואָכן, ווי אויך אַלע פאַבריקן, אין דעם די באַן=דעפּאָ, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אומצופרידנהייט ביי די פּוילישע אַרבעטער, וואָס האָבן דורכדעם פאַרלאָרן זייער אַרבעט.

דעם 11=טן יולי זיינען איינגעפירט געוואָרן אויסערגעוויינלעכע קריגס=געריכטן פאַר ציווילע און מיליטערישע פּערזאָנען פון 17 יאָריקן עלטער אָן. דעם 12 יולי איינגעפירט באַלאַגערונגצושטאַנד. פאַרשיידענע גרופּעס און אָרגאַניזאַציעס האָבן אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען און אַרויסגעלאָזן אויפרופן אַריינצוטרעטן אין מיליטער צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד פון די באָלשעוויקעס. אַזאַ אויפרוף צו דער באַפעלקערונג האָט אַרויסגעלאָזן דער שטאָט=פּרעזידענט, דער שטאָט=ראַט האָט אָנגענומען אַ באַשלוס דורכצופירן אין ווילנע אַ צוואַנגס=פּריזיוו און דעם באַשלוס אָפּגעשיקט דעם מלוכה=שעף צו באַשטעטיקן.

אַן אויפרוף אַריינצוטרעטן אין דער אַרמיי, כדי צו באַשיצן דאָס פאָטערלאַנד פון „די ווילדע כינעזישע האָרדעס”, האָבן אויך אַרויסגעלאָזן די פּוילישע סאָציאַליסטן.

אַלס פּועל=יוצא פון די אויפרופן איז צום פראָנט אַרויס אַ גרופּע פּוילישע יוגנט און דער פּרויען=לעגיאָן, וואָס האָבן אָבער ווייניק=וואָס געקענט אויפטאָן ביי דער אַלגעמיינער דעמאָראַליזאַציע און מאַסן=דעזערציע, וואָס האָבן געהערשט אין דער פּוילישער אַרמיי.

ס'האָט זיך געדוכט, אַז ס'נעמט שוין אַ סוף. איבערן שטאָט האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז ווילנע גייט אַריבער צו די ליטווינער. פּלוצלונג אָבער האָבן די פּוילישע צייטונגען געבראַכט אַ ידיעה וועגן דער נייער קאָנטער=אָפענסיווע פון פּוילישן מיליטער:

„פון גוט אינפאָרמירטע קרייזן דערוויסן מיר זיך, אַז אונזער מיליטער האָט נאָכן אָנקומען פון הילף באַזעצט דעם 10=טן נייסווענציאַן און לינטופּ. דער שונא איז אין אַ פּאַניק אָפּגעטראָטן, ביזן 10=טן איז ניט איינגעשטעלט געוואָרן קיין קאָנטאַקט מיטן פיינד, וואָס כ'רעט אָפּ”. ווייטער לייענען מיר: „די נצחונות דאַרפן צוגעבן מוט דער גאַנצער געזעלשאַפט און ווירקן אויף דער ביז איצטיקער, מיט קיין שום זאַך ניט באַגרינדעטער באַציאונג צו די געשעענישן אויפן פראָנט. דאָס דאַרף איינהאַלטן די פּחדנים, וואָס פאַרלאָזן ווילנע אין פּאַנישער שרעק. די געשעענישן אויפן פראָנט דאַרפן אויפמונטערן די געזעלשאַפט זיך צו פאַרשרייבן וואָס מער אין דער אַרמיי און פאַרשטאַרקן זי מיט פרישע קרעפטן. אַלע, אַלזאָ, צו די ווע בירונג=ביוראָען, דער נצחון איז אויף אונזער זייט!”

די פּאָליאַקן, וואָס האָבן שוין פריער אָנגעהויבן צו קאָקעטירן מיט די ליטווינער און שטאַרק גערעדט וועגן רופן דאָס ליטווישע מיליטער פון אונטער שירווינט, זיינען ווידער געוואָרן ביי זיך גרויס און גערעכנט, אַז זיי וועלן זיך אַליין געבן אַן עצה מיטן שונא. די בענק האָבן געזשאַלעוועט, וואָס זיי האָבן האַלב אומזיסט פאַרקויפט זייערע סקלאַדן די אָרטיקע קאָאָפּעראַטיוון, צוליב וואָס אַ סך סוחרים און פאַבריקאַנטן האָבן באַנקראָטירט. די יוגנט האָט מאַסנווייז אָנגעהויבן פאַרשרייבן זיך פאַר פרייוויליקע, מיט וועלכע ס'האָט אָנגעפירט פּאָלקאָווניק טופּאַלסקי.

דערווייל איז געפאַלן די לעצטע שוץ=ליניע פון דער ווילִיע און דעם שונאס אָפּטיילונגען זיינען דערגאַנגען ביז בעזדאַן. דער פראָנט איז צעריסן געוואָרן, ער האָט שוין אייגנטלעך ניט עקסיסטירט, ווייל אין דער פאַרבינדונגס=צענטראַלע איז געוואָרן אַ כאַאָס, מען האָט אָנגעוואָרן דעם קאָנטאַקט מיטן גענעראַל=שטאַב און די פליגלען. וואַרשע איז 3 טעג געווען אָפּגעשניטן פון ווילנע.

ד״ר שטאָט=פּרעזידענט איז שוין אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע אויף אַ אַוטאָמאָביל צום מלוכה=שעף בעטן, אַז ווילנע זאָל פאַרטיידיקט ווערן פון די באָלשעוויסטישע אָנפאַלן און האָט באַדאַרפט צוריקקומען דעם 14=טן, אָבער ער האָט שוין ניט באַוויזן. צוזאַמען מיטן שטאָט=פּרעזידענט זיינען אויך אַרויסגעפאָרן די מיטגלידער פון מאַגיסטראַט, וואָס האָבן געלאָזן אַלץ אויף הפקר און ניט געזען אפילו צו אָרגאַניזירן אַ וועלכע ס'איז מיליציע, וואָס זאָל אָפּהיטן די אָרדענונג אין שטאָט און דעם שטאָטישן אייגנס.

ניט קוקנדיק אויף די מפּלות, האָט „נאַש קראַי” געשריבן, אַז נאָר קליינע באָלשעוויסטישע אָפּטיילונגען האָבן דורכגעריסן דעם פראָנט, און אַז אונזער מיליטער איז פול מיט מוט. „זאָלן מיר ניט פאַרלירן די האָפענונג און זיך אָרגאַניזירן. לאָמיר זיך פאַרנעמען מיט הילף פאַר די רייזנדיקע, מיטן פאַרטיידיקן די הייזער (דער באַנדיטיזם האָט זיך שוין דאַן שטאַרק פונאַנדערגעבליט). אויפן ערשטן פּלאַן דאַרף שטיין דאָס מיליטער, מען מוז פאַרטיידיקן די שטאָט ביז לעצטן טראָפּן בלוט”.

אייגנטלעך האָט שוין דאַן און זויך שפּעטער קיינער ניט פאַרטיידיקט די שטאָט, הגם לויטן באַפעל פון אויבערקאָמאַנדיר, פּילסודסקי, האָט ווילנע געזאָלט פאַרטיידיקט ווערן ביז דער לעצטער מעגלעכקייט. מאַסן מענטשן האָבן פאַרלאָזן ווילנע. אין אַלגעמיין זאָלן האָבן אויסגעוואַנדערט פון ווילנע פון 8 ביז 10 טויזנט פּערזאָן. אַ טייל פון זיי, וואָס זיינען געגאַנגען צופוס אָדער געפאָרן אויף פורן, האָבן די באָלשעוויקעס באַרויבט

פאַרן גראָדנער בריק, אַ טייל איז אַנטלאָפן אויף אַיוטאָמאָבילן און מיטן באַן, אַ סך האָבן זיך שפּעטער אומגעקערט פון וועג און נאָר אַ קליינער טייל איז אָנגעקומען קיין דאַנציג און פּרייסן.

מחמת דער ערנסטער סיטואַציע אויפן פראָנט האָבן זיך דער גענעראַל־קאָמיסאַריאַט און די ציווילע רעגירונגס־אַנשטאַלטן אַריבערגעטראָגן קיין גראָדנע.

דעם 13־טן האָט דער שעף פון ווילנער גאַרניזאָן באָרושטשאַק אָפּגעדרוקט פאָלגנדיקן אויפרוף:

„די קלאַנגען, וואָס גייען אַרום אין שטאָט און ווערן פאַרשפּרייט דורך בייזוויליקע מענטשן, וועלכע ווילן אַרויסרופן אַ פּאַניק צווישן דער אָרטיקער באַפעלקערונג, זיינען אויף קיין שום זאַך ניט באַגרינדעט, און זיינען אויסגעקלערט דורך פינסטערע פּערזענלעכקייטן. כדי צו באַרואיקן די ווילנער אַיינוואוינער ערקלער איך: 1) עס איז ניט אמת, אַז דער שטאַב פון מיין גרופּע זאָל האָבן פאַרלאָזן ווילנע. פאַרקערט, מיין שטאַב בלייבט דאָ ווייטער און אַרבעט אין פולן צוזאַמענשטעל. 2) עס איז ניט אמת, אַז די באָלשעוויקעס זאָלן וועלן פאַרנעמען נאָוואָ־ווילייקע און דראָען דירעקט ווילנע. ווילנע ווערט פאַרטיידיקט פון אַלע זייטן אין מרחק פון 10 וויאָרסט פון צענטער שטאָט, און קיין שום פּאָסטן האָט ביז איצט ניט געזען ניט נאָר דעם שונאס פּאַטרול, נאָר אפילו ניט זיינע אויסשפּיר־אָפּטיילונגען. 3) איך פאָדער אויף די ווילנער אַיינוואוינער, זיך צו פאַרהאַלטן רואיק און קאַלטבלוטיק, ווייל יעדער טומל מאַכט שווער די אַרבעט מיין שטאַב און דינט נאָר די אינטערעסן פון פאַרשיידענע פאַרדעכטיקע פערזאָנען, וואָס ווילן פאַר יעדן פּרייז שטערן דאָס נאָרמאַלע לעבן פון דער באַפעלקערונג.

איך בין מתרה, אַז די שולדיקע אין פאַרשפּרייטן פאַלשע ידיעות וועלן איבערגעגעבן ווערן צום פעלד־געריכט".

אונטערגעשריבן באָרושטשאַק

גענעראַל פּאָדפּאָרוטשניק, גרופּע־אָנפירער

ווילנע, דעם 13־טן יולי 1920.

ווען מ'האָט אויסגעקלעפּט די דאָזיקע באַקאַנטמאַכונג, איז גענעראַל באָרושטשאַק לאַנג שוין ניט געווען אין ווילנע, פאַרוואָס מ'האָט אים איבערגעגעבן צום געריכט.

די לעצטע טעג פאַרן אָפּטרעטן פון פוילישן מיליטער האָט די יידישע באַפעלקערונג איבערגעלעבט טויט־שרעק. מ'איז געלעגן באַהאַלטענערהייט אין די קעלערן און אויף די ביידימער, מורא האָבנדיק צו באַווייזן זיך אויף דער ווייסער וועלט. אין די יידישע הייזער פלעגן זיך אַריינרייסן פאַרטיעס סאָלדאַטן, נעמען אויף אַרבעט צו העלפן עוואַקואירן די מיליטער־אַנשטאַלטן. דאָס רוב פלעגט מען אָפּקומען מיט פדיון. ניט אַלעמען האָט זיך אָבער איינגעגעבן אָפּקומען מיט געלט. אַנדערע יידן זיינען דאָך מיט געוואַלד צוגענומען געוואָרן אויף אַרבעט, געפּייניקט און דערהרגעט געוואָרן. צווישן אַנדערע זיינען פאַרשלעפּט און פאַרפּייניקט געוואָרן אייניקע פורמאַנעס מיט פערד, וואָס זיינען נאָכדעם געפונען געוואָרן ביי קריסטן. אייניקע יידן, וואָס מ'האָט געכאַפּט באַהאַלטענערהייט זיינען דערשאָסן געוואָרן, ווי צום ביישפּיל דער הויזאייגנטימער פון וואָקזאַל־גאַס אברהם לעווין. די דאָזיקע רציחה האָט אַרויפגעוואָרפן אַ טויט־שרעק אויף דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט שוין מורא געהאַט צו באַהאַלטן זיך און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

דעם לעצטן שבת פאַרן אָפּטרעטן פון פוילישן מיליטער, דעם 10 יולי, איז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג געזעסן אין די הייזער. דאָס איז געווען דער איינציקער שבת, ווען דער שולהויף איז געווען ווי אויסגעשטאָרבן און אין קיין קלויז האָט מען ניט געדאַוונט. ס'איז אינטערעסאַנט צו ברענגען די מודעה, וואָס ד רבנים האָבן אויסגעקלעפּט אויפן שול־הויף דעם אַנדערן שבת





(שוין פאַר די באָלשעוויקעס), אַז אַזוי ווי צוליב דער כאַפּעניש דעם שבת פרשה פנחס האָט קיינער ניט געקענט גיין דאַוונען אין די קלויזן און מ'האָט געדאַוונט ביחידות און ניט געהערט די קריאה, זאָל מען לייענען דריי סדרות: פּנחס, מטות ומסעי, וואָס דאָס איז זייער אַ זעלטענער פאַל.

פאַר דער יידישער באַפעלקערונג איז צוגעקומען נאָך אַ צרה. אַזוי ווי די מאַנסביל זיינען געזעסן באַהאַלטענערהייט און די פרויען האָבן זיי געדאַרפט היטן, זיינען די יידישע קראָמען ניט געעפנט געוואָרן, אַגב מחמת מורא פאַר ראַבירונגען, ווי אויך דערפאַר, ווייל מען האָט אויפגעהערט צו נעמען די באָנעס, וואָס די היגע בענק האָבן אַרויסגעלאָזן און צעריסענע געלט, צוליב וואָס ס'פלעגן אַרויסקומען אָפטע מיספאַרשטייענישן. ס'איז אָבער אַרויסגעגאַנגען אַן אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג וועגן באַלאַגערונגס־צושטאַנד, וואָס האָט פאַרפליכט אונטער קנס פון 40 טויזנט מאַרק און אַרעסט ביז 6 חדשים צו האַלטן אָפן די קראָמען.

דעם 13־טן איז די לאַגע אין שטאָט געווען שרעקלעך. ווער עס האָט נאָר געקענט איז אַנטלאָפן, און די איבעריקע האָבן מיט שרעק ערוואַרט דעם מאָרגנדיקן טאָג. עס איז געווען אַ מאָדנע לאַגע. מ'האָט מורא געהאַט פאַר דעם מיליטער, וואָס טרעט אָפּ, סיי פאַר דעם וואָס דאַרף קומען. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן זיך די האָפענונגען פון גרעסטן טייל פון דער באַפעלקערונג ניט פאַרווירקלעכט: עס איז געווען קלאָר, אַז אין שטאָט וועלן אַריין ניט די ליטווינער, נאָר די באָלשעוויקעס. די ליטווינער, ניט זייענדיק באַקאַנט מיט דער מיליטערישער לאַגע, זיינען געשטאַנען אָדער גערוקט זיך אין דער ריכטונג פון יעוויע און שירווינט. די באָלשעוויקעס דאַקעגן האָבן ענערגיש געטריבן די פונאַנדערגעוואָרפענע פוילישע אַריערגאַרדן פון נאָוואָ־ווילייקער זייט. דאָס פוילישע מיליטער איז אָפּגעטראָטן ניט דורך ווילנע, נאָר דורך לידע. דאָ האָבן סטראַטעגישע טעמים קיין שום ראָלע ניט געשפּילט, דער פוילישער הויפּט־שטאַב האָט אָבער מורא געהאַט דורכצופירן דורך ווילנע די דעמאָראַליזירטע אַרמיי. דאָס האָט געראַטעוועט ווילנע, וואָס האָט געליטן נאָר פון אַ טייל צעבושעוועטן גאַרניזאָן.

פאַקטיש איז שוין דעם 13־טן קיין שום מאַכט אין ווילנע ניט געווען. צום גליק האָט קיינער וועגן דעם ניט געוואוסט. איין צד האָט ניט געוואוסט, אַז ער קען טאָן וואָס ער וויל, דער צווייטער — אַז די געפאַר איז אַזוי גרויס.

אין אַיילעניש האָבן די שטאָטישע אָנגעשטעלטע אויסגעטיילט אַ קאָמיסיע מיטן איינציקן געבליבענעם יידישן לאַווניק ה' קאַבאַטשניק בראש. די דאָזיקע קאָמיסיע איז אַרומגעלאָפן איבער פאַרשיידענע אינסטאַנצן, וואָס האָבן שוין ניט פונקציאָנירט, און ניט געקענט געפינען קיין מאַכט, וואָס זאָל אָפּשטעלן דאָס רויבן. אין שטאָט האָבן זיך פאַרשפּרייט פאַלשע קלאַנגען, אַז מען האָט באַפרייט פון תפיסה אַלע קרימינעלע פאַרברעכער. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלטיקע פּאַניק. אַלע, אפילו די ווילנער פּאָליאַקן, האָבן שוין געוואָלט, די ליטווינער זאָלן וואָס גיכער קומען.

אין דער לעצטער מינוט האָט די פוילישע מאַכט טאַקע אַוועקגעגעבן ווילנע די ליטווינער, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט, ווילנע איז שוין געווען אין באָלשעוויסטישע הענט. אינטערעסאַנט איז, ווי דאָס איז פאָרגעקומען. אָט וואָס עס גיט איבער וועגן דעם דער דאַמאָלסטיקער סעקרעטאַר פון צייטווייליקן ליטווישן קאָמיטעט אין ווילנע, ה' יאָנינאַס:

„דעם 14־טן יולי 1 ביי טאָג בין איך מיטן פאָרזיצער פון קאָמיטעט ה' בירזשישקאַ געזעסן אין לאָקאַל פון דער ליטווישער גימנאַזיע אויף געאָרג־פּראָספּעקט 38 און געשריבן איינלאַדונגען צו פאָרשטייער פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן אויף אַ

אַ פאַרזאַמלונג מיטן צוועק אַרומצורעדן דעם פּאָליטישן מאָמענט. פּלוצלונג זיינען אַריינגעקומען 2 באַוואָפנטע לעגיאָנערקעס, דערקלערנדיק, אַז זיי קומען אין זייער אַ וויכטיקע פראַגע. זיי האָבן געבראַכט אַ בריוו פון פּאָלקאָווניק קופּערט, שעף פון ווילנער גאַרניזאָן מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט: „איינעם אָדער צוויי פון די וויכטיקסטע ווילנער ליטווישע פאָרשטייער, לאַד איך גלייך אַיין צו זיך אויף זייער אַ וויכטיקער באַראַטונג".

„נאָך אַ קורצער באַראַטונג מיט בירושישקאַן, בין איך גלייך געגאַנגען, ניט פרעגנדיק אפילו, וואוהין מיר גייען. פון דער זייט פון קאָסציאָל פון הייליקן יאַקוב און דער קאַטעדרע האָט זיך געלאָזט הערן אַ געדיכטער פייער פון קאַראַבינען. פון לוקישקער זייט און געאָרג-פּראָספּ. זיינען געלאָפן מאַסן מענטשן און עס איז געווען אַזאַ שטויב, אַז מען האָט גאָרניט געזען. ווי עס ווייזט אויס, איז מען אַנטלאָפן פון דער שיסעריי. די לעגיאָנערקעס האָבן מיר דערקלערט, אַז אַ גאַנצע נאַכט און אין דער פרי האָט דער המון און פּוילישע סאָלדאַטן געראַבירט אין שטאָט, און עס זיינען פאַראַן אַ סך קרבנות. אַזוי ווי עס איז געווען אוממעגלעך צו גיין דורך געאָרג-פּראָספּעקט, זיינען מיר געגאַנגען דורך סוו. יאַקוב-גאַס און פּאָרטאָווע. מיר האָבן געדאַרפט גיין צו די קאַזאַרמעס ביים זיגנאַטיעווער געסל. אויפן וועג האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז די באָלשעוויקעס זיינען אַריין אין שטאָט דורכן אַנטאָקאָלער בריק. זיין לעגיאָנערקע איז פּלוצלונג פאַרשוואונדן געוואָרן. די פאַרבליבענע האָט כסדר פונאַנדערגעוואָרפן די קוילן. „עס איז שוין מער ניט נייטיק", האָט זי געזאָגט.

„קוים מיט צרות האָבן מיר זיך דערשלאָגן צו די קאַזאַרמעס אויף איגנאַטיעווער. די אַרומיקע גאַסן זיינען געווען פאַרפאַקט מיט וועגענער, ווי אויך מיט פּוילישע סאָלדאַטן און באַוואָפנטע ציוויל-לייט, דערוואַקסענע און יונגוואַרג, פון די קאַזאַרמעס זיינען אין אומאָרדענונג אַרויס עטלעכע הונדערט סאָלדאַטן, אינעווייניק אין הויף האָבן זיך געלאָזט הערן שאָסן. מען האָט אָבער ניט געזען ווער עס שיסט. די זעלנער זיינען געווען צעשראָקן און געפאַלן ביי זיך. קיינער פון זיי האָט אונז ניט געקענט אָנווייזן, וואו פּאָלקאָווניק קופּערט געפינט זיך. ענדלעך האָבן מיר אים געטראָפן אויף די טרעפּ פון ביסקופּס פּאַלאַץ.

„די לעגיאָנערקע האָט געמעלדן, אַז זי האָט געבראַכט אַ ליטווישן פאָרשטייער. פּאָלקאָווניק קופּערט האָט זיך געווענדט צו מיר מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „מיר גיבן אַוועק ווילנע די ליטווינער. היינט האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל פון וואַרשע אַוועקצוגיין פון ווילנע. מיר שטעלן באַדינגונגען: דורכצולאָזן דאָס פּוילישע מיליטער מיט געווער אין האַנט, ווי אויך די ציווילע באַפעלקערונג, וואָס וועט וועלן מיט אונז אַרויספאָרן". איך האָב קוים געענטפערט: „מיר האָבן ניט קיין שום קאָנטאַקט מיט דער ליטווישער אַרמיי. גיט אונז גלייך אַן אַווטאָמאָביל אָדער פערד, וועלן מיר קענען מעלדן אייער פאָרשלאָג. אויך אַזוי גוט זיין אָנצוגעבן אייער פאָרשלאָג שריפטלעך און צושיקן אויף געאָרג-פּראָספּעקט 33".

„מיר וועלן געבן שריפטלעך, אָבער זייט אַזוי גוט און וואַרט אונטער אַ ביסל, וואָרים אויף צושיקן איז קיין צייט ניט פאַראַן. קאַפּיטאַן, פאַרנאָטירן דעם אַדרעס: געאָרג-פּראָספּ. 38".

„זאָגנדיק דאָס, איז ער אַראָפּגעגאַנגען פון די טרעפּ. זעענדיק די פּאַניק פון די זעלנער אויפן הויף פון פּאַלאַץ, האָט ער געזאָגט: „מיר פאַרלאָזן ווילנע. אויב מיר וועלן קענען איינשטעלן דעם אַליאַרם, וועלן מיר צושיקן פערד". דאַן האָט ער זיך געזעצט אויף אַ פערד און אַוועקגעריטן צו דאָמיניקאַנער. איך בין אַוועק מיט אַן אַנדער אָפּטיילונג דורך בענעדיקטינער גאַס. קוים אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט, האָבן מיר דערזען אַ גרופּע רוסישע רייטער פון 8 פּערזאָן. עטלעכע האָבן געהאַט רעוואָלווערן,



עטלעכע — ביקסן, און עטלעכע — שווערדן. זיי זיינען דורכגעפאָרן רויִק, ניט שיסנדיק. דאַקעגן די פּוילישע זעלנער און ציוויל-לייט האָבן אַוועקגעוואָרפן די ביקסן און אָנגעהויבן זיך צו באַהאַלטן".

„די עטלעכע קאָזאַקן זיינען דורכגעגאַנגען דורך ווילנער גאַס אויף דייטשער און דאָ איז פאָרגעקומען דער איינציקער אין גאַנצן שטאָט בלוטיקער צוזאַמענשטויס.

„פון איגנאַטיעווער געסל איז כסדר געגאַנגען די פּוילישע פּעכאָטע. עס זיינען דורך עטלעכע פּולעמיאָטן, און דורכגעפאָרן עטלעכע וועגענער ווי אויך עפּעס אַ ראָטע אין אַ נישקשהדיקער אָרדענונג, אָבער מיט די ביקסן אין האַנט, גרייט צום שיסן. הינטער איר זיינען געגאַנגען אָפּטיילונגען אַנדערע סאָלדאַטן, צעוואָרפן איבער די טראָטואַרן; די עלטסטע מיט די רעוואָלווערן אין האַנט. פּלוצלונג זיינען אַלע צוגעפאַלן צו די ווענט און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני. אויף ווילנער גאַס האָבן זיך באַוויזן פוסגייער קאָזאַקן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו שיסן. עס איז געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס, אין רעזולטאַט פון וועלכן די לעגיאָנערן זיינען אַנטלאָפן, איבערלאָזנדיק די רוק-זעק, לאָפּעטעס און ברויט, אויף וואָס ס'האָבן זיך גלייך געפונען בעלנים".

די גאַנצע נאַכט פון 13 אויפן 14 יולי האָבן זיך דורך דייטשע גאַס אין דער ריכטונג צו גרויס פּאָהולאַנקע געצויגן די פּוילישע אָבאָזן, באַגלייט פון רייטער-אָפּטיילונגען מיט האַרמאַטן און קוילן-וואַרפערס. הינטער זיי איז געלאָפן אין אומאָרדענונג פּעכאָטע, באָרוועסערהייט, אָן היטלען און אַמוניציע.

די אָפּטרעטנדיקע לעגיאָנערן האָבן צוגענומען דעם לעצטן פערד ביי די פייערלעשער, ניט געקוקט אויף זייערע תחנונים און אָנווייזונגען, אַז בעת אַ שׂרפה וועט אפילו ניט זיין מיט וואָס צוצופירן די פּאָמפּע.

דאָס אָפּטרעטן פון פּוילישן מיליטער איז פאָרגעקומען מיט ראַבירונגען פון יידישע הייזער און קראָמען, חרובמאַכנדיק יידיש האָב און גוטס. דעם 13-טן יולי האָבן זיך די לעגיאָנערן גענומען צו די יידישע קראָמען, אויפגעבראָכן די טירן, אויפגעריסן די לאָדנס מיט האַנטגראַנאַטן. זיי האָבן געאַרבעט זייער געשווינד אַזוי, אַז די קראָמען, וועלכע ס'איז שווער געווען אויפצוברעכן, פלעגן זיי איבערלאָזן און נעמען זיך צו אַנדערע. די אָפיצירן, וואָס פלעגן פאַרבייגיין, פלעגן זיך כמעט ווי ניט אינטערעסירן. ס'איז אפילו געווען אַ פאַל, ווען עטלעכע אָפיצירן פאַרבייפאָרנדיק אַ צעראַבירטע יידישע באַקאַליי-קראָם האָבן געפרעגט, וואָס איז דאָ? אויף זייער שאלה האָבן זיי די לעגיאָנערן דערלאַנגט צוויי פלאַשן רויטע עסיגעסענץ, וועלכע די אָפיצירן, מיינענדיק אַז עס איז ווין, האָבן צוגענומען און אָפּגעפאָרן ווייטער.

איבערהויפּט זיינען צעראַבירט געוואָרן קראָמען פון שוכוואַרג, מאַנופאַקטור, צירונג, אין די גאַסן ווילנער, דייטשע, סטעפּן-גאַס. אָנהייבנדיק פון זאַלקינדס געשעפט האָבן די לעגיאָנערן די שווערע לאָדן און שויבן צעהאַקט מיט העק און ברעך-אייזנס, אויף דייטשע גאַס צעראַבירט די גאָלד-געשעפטן, די הוט-געשעפטן, גאַלאַנטעריי-קראָמען, שוך-קראָמען, וויין- און קאָלאָניאַל-געשעפטן. אויף רודניצקער גאַס — שוך-געשעפטן, אַפּטייק-קראָמען. אויף זאַוואַלנע גאַס צעראַבירט בשמים-קראָמען. אין איינער פון די קראָמען האָבן זיי געמאַכט אַ שרעקלעכן חורבן, אַלע ליידיקע כלים צעהאַקט, די איינריכטונג צעבראָכן, פליסיקע אַרטיקלען אויסגעגאָסן אויף דער ערד.

מער פאַר אַנדערע גאַסן האָט געליטן סטעפּן-גאַס, מחמת די רויבער האָבן זיך ניט באַנוגנט מיט די געשעפטן אַליין און זיינען אויך געגאַנגען אין די הייזער, וואו זיי האָבן געראַבירט און חרוב געמאַכט אַלץ, וואָס זיי האָבן ניט געקענט מיטנעמען, געבראָכן מעבל, ניט קענענדיק אַריינרייסן זיך דורכן הויף אויפגעבראָכן קראָמען, געבראָכן שפּיגלען, אין אייניקע ערטער אפילו

די אויוונס, געלט צוגענומען. וואָס די רויבער האָבן אַליין ניט געקענט אַוועקטראָגן, פלעגן זיי אַוועקגעבן דעם קריסטלעכן המון, וואָס פלעגט שוין וואַרטן אויף דעם און מען האָט זיך געטיילט גלייכע חלקים מיט אַלץ, „וואָס גאָט האָט געגעבן“.

אין דערזעלבער צייט זיינען צעראַבירט געוואָרן די סקלאַדן פון אינטענדאַנטור, רעגירונגס־בנינים, און אויך פריוואַטע וואוינונגען, וואָס זיינען פאַרלאָזן געוואָרן פון זייערע בעלי־בתים. איבערהויפּט האָט זיך אַ גרויסער עולם — מענער, פרויען און אפילו קינדער (צווישן זיי פיל ייִדן) שטאַרק באַשעפטיקט אין די גאַסן אַרום דער וועטקע. צוערשט האָט מען זיך אַ לאָז געטאָן צו דער קאַווקאַזער מיל. ניט געקוקט אויפן ווידערשטאַנד מצד די אַרבעטער פון מיל זיינען די טירן אויפגעבראָכן געוואָרן און אין פאַרלויף פון עטלעכע שעה האָט מען צעשלעפט ניט נאָר טויזנטער זעק מיט קאָרן, נאָר אויך צוגענומען די פוסטע זעק, די פאַסן, די רימענס, עמערס און אַנדערע זאַכן. אָפּגעפאַרטיקט זיך מיט דער מיל האָט זיך דער עולם גענומען צו דער פאַבריק „וויקטאָריאַ“. די לעגיאָנערן, וואָס פלעגן פאַרבייגיין פלעגן ניט שטערן, נעמען אַ קליינעם אָפּצאָל און אַוועקגיין. אַזוי ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די „וועטקע“ איז ניט באַוואַכט האָט זיך דער עולם טויזנטערווייז גענומען צו די סקלאַדייִס פון דער וועטקע. מ'האָט פאַרגעסן אָן אַלץ און גענומען זיך צו דער מלאכה. יעדערער האָט געשלעפּט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט: מעל, זאַלץ, צוקער, ליכט, מילך, פעטס, א. אַ. זאַכן. דער עולם האָט זיך צעטיילט אויף גרופּעס, פון וועלכע יעדערע האָט זיך געהאַט איר אָפּטיילונג. אַ טייל פון דער גרופּע פלעגט די „אָפּגעקליבענע“ פּראָדוקטן אָנלאָדן אויף וועגעלעך, די אַנדערע פלעגן זיי אַוועקפירן. מיט די פּראָדוקטן האָט זיך אָנגעהויבן אויף די גאַסן אַ לעבעדיקער מסחר. די ערשטע שעה האָט אַ זאַק מעל געקאָסט ביז 1000 מאַרק, נאָכדעם איז עס געשטויגן ביז העכער 2000 מאַרק. דער עולם, צווישן וועלכע ס'זיינען געווען אויך פאַרמעגלעכע מענטשן איז געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין דער מלאכה, אַז מ'האָט זיך גאָרניט אינטערעסירט מיט דעם וואָס ס'קומט פאָר אין שטאָט, דער פּסיכאָז האָט אַרומגענומען און פאַרשכורט אַלעמען.





אַרום 4 איז די שטאָט פאַרנומען געוואָרן פון דער דריטער באָלשעוויסטישער רייטער־אַרמיי. אַ פאַרמאַטערטע און אויסגעהונגערטע האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן איבער די בעקערייען און קאָנדיטערייען.

ניט געקוקט אויפן רעגן, וואָס איז אַרויס נאָכן אַריינקומען פון דער רויטער אַרמיי (5 וואָכן איז קיין רעגן ניט געגאַנגען) און וואָס האָט אָפּגעפרישט ניט נאָר די אויסגעטריקנטע ערד, נאָר אויך די פאַרחלשטע מענטשן — זיינען די גאַסן געווען פול. ייִדן, וואָס זיינען ביי אַ וואָך צייט געלעגן פאַרשפאַרט און ניט אָנגעזען די וועלט, זיינען ביסלעכווייז אַרויסגעקראָכן פון די לעכער אויפן גאַס, אָנקוקן קרובים, באַקאַנטע און געוואָר ווערן וואָס איז מיט די קראָמען. דער ייִדישער עולם האָט פרייער אָפּגעעטעמט, הגם ס'איז ניט געווען באַוואוסט, וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג וועט ברענגען און ווי ס'וועט זיך נאָך לעבן אונטער דער באָלשעוויסטישער מאַכט.

אַרום $5\frac{1}{2}$ אַזייגער אין אָוונט האָט זיך פון פּאָהולאַנקער זייט דערהערט אַ שטאַרקע קאַנאָנאַדע, וואָס האָט אויפגעטרייסלט די שטאָט. די שטימונג איז געוואָרן אַ נערוועזע און אומרואיקע. די רויטע אַרמייער האָבן זיך געהייסן פונאַנדערגיין פון די גאַסן, דער עולם איז ביי זיך ווידער געפאַלן, מיינענדיק אַז מ'איז נאָך ניט אָבערגעקומען. מ'האָט שוין אָנגעהויבן צו קלערן, אַז ערגעץ וואו זיינען נאָך פאַרבאַהאַלטן גרויסע אָפּטיילונגען פון פוילישן מיליטער, און אַז וו לנער גאַסן וועלן זיין עדות פון שלאַכטן.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז אין זאַקרעטער וואַלד אויף פּאָהולאַנקע האָט זיך באַזעצט אַ קליינער טייל פון דער אַנטלאָפענער פוילישער אַרמיי, וואָס האָט געהאָפט אויף פאַרשטאַרקונגען. צווישן זיי מיט די רויטע אַרמייער איז געקומען צו אַ פאַרביסענעם געראַנגל און האַרמאַטן־קאַמף. נאָך אַ שלאַכט וואָס האָט געדויערט ביי אַ שעה זיינען די לעצטע פוילישע אָפּטיילונגען פאַרטריבן געוואָרן.

די ערשטע פוילישע ממשלה אין ווילנע האָט זיך געענדיקט.



געווידמעט דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיין אומ־
פאַרגעסלעכן פאָטער
ר׳ זעליג בה״ר אברהם אַבראַמאָוויטש ז״ל
שנפטר ז׳ ניסן תרפ״ב אין ליטע.

הירש אַבראַמאָוויטש.

# זכרונות פון די אַפּריל־טעג.

צו אַפּריל 1919 איז אין ווילנע דאָס לעבן געוואָרן שוין צו שווער. דער הונגער האָט זיך געלאָזט שטאַרק פילן. מען האָט ניט געטאָרט קויפן, ניט געטאָרט פאַרקויפן. אין שטאָט האָט מען מורא געהאַט וואָס עס איז צו ברענגען, ווייל מען פלעגט אַוועקנעמען די סחורה, און דערצו צונעמען די פור; אויך פלעגט טרעפן, אַז מ׳פלעגט דעם פערד אָפּהאַלטן אַן אַכטאָג און אַמאָל מערער. ברויט איז געווען זייער שווער צו קריגן, אַ טעלער זופּ „מיט נישט" איז געווען אויך אַ יקר־המציאות.—די ראַטנמאַכט האָט געהאַט הונדערטער אָנגעשטעלטע, וואָס האָבן רעגיסטרירט די באַפעלקערונג, כדי אַרויסצוגעבן „קאַרטעס"; מען האָט געמעקט און געשריבן און פאַר די גאַנצע 3—4 חדשים צייט האָט מען נאָר איינמאָל אַרויסגעגעבן צוקער און הערינג.

קיין וואונדער ניט, וואָס ווער נאָר עס האָט געקענט, איז געלאָפן פון ווילנע. אויב ניט מיט אַלעמען, איז כאָטש צייטווייליק ערגעץ, וואוהין עס איז אין אַ קליינשטעטל אָדער דאָרף, כדי עפּעס צו קריגן, ברענגען אַהיים, זיך אָפּכאַפּן.

האָבנדיק עלטערן אויפן פּראָווינץ אַ וויאָרסט 60 צו מערב פון ווילנע (טראָקער קרייז) און איבערלעבנדיק צוגלייך מיט אַנדערע דעם קאַליידאָסקאָפּישן ווינטער 1918—19 האָב איך באַשלאָסן אום יעדער פּרייז זיך אַרויסרייסן אויף פּסח פון דער פאַרפלוכטער שטאָט און זיך אָפּפרישן אַ ביסל.

אויף קיין פור איז ניט געווען צו האָפן, ווייל קיין קאָמוניקאַציע איז ניט געווען. איך האָב געמוזט עולה לרגל זיין. כ׳האָב זיך געוואָלט באַזאָרגן מיט אַ „פּראָפּוסק", אָבער דערזעענדיק גרויסע רייען און די הערשנדיקע אומאָרדענונג—האָב איך זיך מיאש געווען דאָס צו באַקומען און באַשלאָסן צו גיין אָן דעם פּאַפּירל.

עס איז געווען די „רעכטע בלאָטע" אויף די וועגן, די פוס האָט געזונקען. אויפן וועג האָבן זיך דאָך געפונען היבשע מענטשן, וואָס פלעגן גיין „וואו די אויגן טראָגן". זייער אויסזען איז געווען אַ שרעקלעכער. פאַרהונגערטע, פאַרשמאַכטע, כמעט באָרוועסע, צווישן זיי ווייבער מיט קינדער. אויפן וועג זיינען אויך אָפּט געגאַנגען רויטע אַרמייער, מערסטנטיילס זוכן עפּעס מיט וואָס זיך צו „פּאַזשיווען". דער אַייזנבאַן־בריק וואָס ביי וואַקע*) איז געווען צוריסן ממש אויף פּיצלעך (ווען מאָקזשעצקיס פּאַרטיזאַנער זיינען געלאָפן פון די באָלשעוויקעס, האָט מען דעם בריק צוריסן. איין מאָל איז ער שוין געווען אויפגעריסן דורך די רוסן פאַר די דייטשן, וועלכע האָבן אים אָפּגעבויט צוריק). אויף דעם שטח פון אַ וויאָרסט האָבן זיך געוואַלגערט שטיקלעך אַייזן, טשוגון.

אמת, די באָלשעוויקעס האָבן געפּרובט אים צונויפשטעלן, אָבער די אַרבעט איז געווען אַזוי אומפּרוכטבאַר, אַז זי איז ניט געגאַנגען כמעט פון אָרט. ווי מען האָט מיר דערציילט אין לאַנדוואָראָווע, פלעגן כמעט טעגלעך קומען קאָמיסאַרן און בעטן זיך ביי די אַרבעט־ר און רויטע אַרמייער, אַז מען זאָל טיכטיק אַרבעטן, עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. ביי אַזאַ מין טעמפּ פון דער אַרבעט וואָלט אויפבויען דעם בריק, כאָטש אין אַ הילצערנעם צושטאַנד, געדאַרפט דויערן אַ פּאָר יאָר

נאָר ניט קוקנדיק אויף דעם, האָט זיך אין לאַנדוואָראָווע געפונען אַ גאַנצער שטאַט אייזנבאַן־אָנגעשטעלטע. אין וואָס איז באַשטאַנען זייער עובדא—דאָס האָבן זיי אַליין אויך ניט געוואוסט. מען פלעגט באַקומען גאַנצע בויגנס „קערענקעס" און פון דעם ווי עס איז לעבן, פאַרשטייט זיך, גוט צוהונגערנדיק דערביי. די יידישע באַפעלקערונג פלעגט אַרומגיין ווי שאָטנס איבער די גאַסן ניט האָבנדיק וואָס צו טאָן. אין אַלע הייזער זיינען געווען אַרמייער. און סיי די בעלי־בתים סיי די „קוואַרטיראַנטן" האָבן גלייך געליטן הונגער.

איך האָב נאָך אַלץ געהאַט אַ האָפענונג, אַז עס וועט זיך מיר איינגעבן פון לאַנדוואָראָווע באַקומען אַ פור, ווייל דורכגייענדיק 17 וויאָרסט ביי דעם ערגסטן וועג זיינען שוין מיינע פיס געווען גענוג אָנגעמאַטערט. איך האָב טאַקע אָנגעטראָפן אַן אָבאָז, וואָס איז געפאָרן אין מיינע מקומות און געפירט פּראָוויאַנט פאַר סאָלדאַטן. איך האָב געפּרובט מאַכן אַ שמועס מיטן „עלטערן", מכבד זיין מיט פּאַפּיראָסן די פירער פון אָבאָז (צו וואָס אַלע סאָלדאַטן פון אַלע צייטן זיינען זייער להוט), ס׳האָט ניט געהאָלפן. פּאַפּיראָסן האָט מען ביי מיר גענומען גאַנץ גערן, אָבער נעמען מיר האָבן זיי זיך אַנטזאַגט, ווייל דאָס טאָר מען ניט. איך האָב גערעכנט, אַז נאָך 40 וויאָרסט וועל איך אין איין טאָג ביי אַזאַ וועג (עס האָט נאָך דערצו געגאָסן אַ רעגן) ניט דורכמאַכן. דאָך האָב איך זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו קומען אַהיים צום סדר (ס׳איז געווען ערב פּסח).

אונטער טראָק בין איך אַריין אין אַ דערפל עפּעס וואָס עס איז צובייסן. די פּויערים האָבן גאָר ניט פאַרקויפט, זאָגנדיק, אַז זיי האָבן שוין קיין כוח ניט פון די דורכגייער, וואָס לאָזן ניט רוען גאַנצענע טעג און נעכט. דערביי האָבן זיי זיך ביטער געקלאָגט, אַז די באָלשעוויקעס נעמען ביי זיי צו די בהמות און אַפילו די זריעה; עס וועט פשוט ניט זיין מיט וואָס צו פאַרזייען די פעלדער. באַהאַלטענערהייט האָט מען געזען, אויב ווער עס האָט געהאַט פאַרבליבענע תבואה און קאַרטאָפל, צו „וואַרפן עס אין דער ערד" (זייען), „פון דאָרטן וועלן שוין די באָלשעוויקעס ניט קענען באַקומען", הגם לויט דער צייט איז נאָך געווען צו פרי צו זייען, און עס איז געווען אַ געפאַר, אַז די זריעה וועט גיין לאיבוד.

אָבער דאָך האָט מען עס געטאָן בלית ברירה. סיי ווי סיי פאַרפאַלן, „זאָל כאָטש זיי ניט אָנקומען".

האָבנדיק מיט זיך אַ שטיקל ברויט, האָב איך צוגעביסן און אַוועק ווייטער. דער רעגן האָט געגאָסן ווי פון אַן עמער, און עס איז שווער געווען צו געפינען אַ האַרטע שטעגל אויף צו גיין. וואו עס איז געווען אַ ליימיקער באָדן, איז די פוס געבליבן שטעקן, קוים מען האָט איר געקענט אַרויסציען. מען קען זיך פאָרשטעלן ווי אַזאַ וועג האָט געקענט ווירקן אויף קליינע קינדער, פרויען און אַלטע.

אָט יאָג איך אָן צוויי קריסטלעכע פרויען,ביידע אין לייוונטענע „שיך" מיט געשוואָלענע פיס, אויסגעמאַטערטע ביזן לעצטן גראַד, קוים וואָס זיי באַוועגן זיך, איינע מיט אַ אינטעליגענטן אויסזען. איך רייד זיך פונאַנדער מיט איר, זי דערציילט מיר פון איר שרעקלעכן מאַרטיראָלאָג. זי איז אַ גוטבאַזיצערין פון אַרום סווענציאַן, אַלט אַ יאָר 30, האָט געענדיקט אינסטיטוט און

*) צווישן ווילנע און לאַנדוואָראָווע.

געווען אויף בעסטוזשעווער קורסן. דער מאַן איז געווען אַ אָפיציר, אויף מלחמה אומגעקומען, זי איז פאַרבליבן אַן אַלמנה מיט צוויי קליינע קינדער און מיט אַן אַלטן פאָטער, האַט ביים רוסיש=דייטשן פראָנט. די דייטשן האָבן זיי לכתּחילה אַרויסגעטריבן, אָבער דערנאָך האָט מען זיי ערלויבט ווי עס איז צו פירן די בעלי=בתּישקייט, און ווי עס איז, האָבן זיי אונטערן דונער פון האַרמאַטן און קוילן אָפּגעלעבט עטלעכע יאָר.—ווען די דייטשן האָבן אָפּגעטראָטן, איז אויף זיי באַפאַלן אַ באַנדע און מען האָט אַלץ, וואָס נאָר עס איז געווען אין שטוב און אין שפּייכלער צוגענומען, אַפילו די קליידער וואָס זיי האָבן געהאַט אויף זיך. דערביי האָט מען דעם פאָטער מערדעריש געפּייניקט (געשטיקט, געהאַנגען, געשטאָכן מיט נאָדלען) ער זאָל אויסזאָגן וואו עס ליגט דאָס געלט. קיין געלט האָבן זיי אָבער ניט געהאַט. דערביי האָט דאָס עלטערע קינד באַקומען שרעקלעכע קאָנוואולסיעס (דערנאָך איז עס געשטאָרבן). אַלץ האָט מען געפּאַקט אויף פורן און אַוועקגעפירט. דאָס איז געווען ביינאַכט. אויף מאָרגן אינדערפרי איז געקומען נאָך אַ באַנדע, מען האָט שוין אָבער גאָר ניט געפונען. דורך נאַכט זיינען זיי געוואָרן בעטלער, וואָרים עס איז ניט געווען ניט קיין בגד, ניט קיין שטיקל ברויט צו שטילן דעם הונגער כאָטש פאַר די קינדער.

די שכנים האָבן אויפגעמאַכט עפּעס פאַר זיי. עס האָט זיך וועגן דער ראַבירונג דערוואוסט די מיליציע, וואָס איז געווען אָרגאַניזירט דורך דער באַפעלקערונג. מען האָט באַמערקט, אַז צווישן די באַנדיטן זיינען געווען אַ כּולע באַקאַנטע פּויערים. די אַלע אָנגעראַבירטע זאַכן האָט מען געפונען אין אַ דאָרף, אָבער דאָ איז אַנטשטאַנען אַ פאָרמעלע שלאַכט צווישן די ראַבירער מיט דער מיליציע, און די לעצטע האָט „גאָר ניט געקאָנט מאַכן". ווען די באָלשעוויקעס זיינען געקומען, האָט מען ווייטער אָנגעהויבן צו פאָרשן דעם ענין און מען האָט דאָס פאָרגעשטעלט אויף דעם אופן, אַז דאָס איז געווען אַ קאָנפיסקאַציע ביי אַ בלוטזויגער אַ פּאָמעשטשיק, ובכן איז דאָס ניט פון די גרויסע פאַרברעכנס. אמת, מען האָט אַרעסטירט 3—2 פון די, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דעם אָנפאַל און אין אַנדערע, אַלס פּשוטע מערדער, אָבער אויפן וועג זיינען זיי אַנטלאָפן, אָדער די וואַך האָט זיי אָפּגעלאָזן מיט אַ כּיוון. בינו לבינו אָבער איז די פרוי מיט אירע קינדער און אַלטן פאָטער געבליבן בעירום ובחסר כּל. זי האָט איצטער געמוזט וואַרפן איר קלענער קינד מיטן פאָטער און אַליין גייט זי צו איר קרוב, אַ גלח עפּעס, זיך ראַטעווען פון הונגער=טויט. זי איז שוין אין וועג אַ טאָג 10 און גלויבט שוין ניט, אַז זי וועט „ווען עס איז דערגיין". די אַנדערע, וואָס גייט מיט מיט איר—איז אירע אַ געוועזענע טרייע דינסט—וואָס האָט געוואָלט טיילן מיט איר דעם הונגער=גורל.

מיר זיינען געקומען אין אַ דאָרף און איך האָב זיך משתדל געווען, אַז די פּויערים זאָלן איר צופירן ביז דער נאָענטער שטעטל (אַ וויאָרסט 15). קיינער האָט זיך אָבער ניט אָנגענומען, ווייל מען איז ניט זיכער מיט די פערד, וועלכע מ'נעמט אויפן וועג צו, לויט זייערע ווערטער. איך האָב זיי פאָרגעלייגט געלט, בשום אופן האָבן זיי אָבער ניט מסכּים געווען. איך האָב געמוזט איבערלאָזן מיינע וועג=חברטעס, העלפנדיק זיי מיט וואָס איך האָב געקענט און זיך געלאָזן גיין ווייטער. עס איז געווען נאָך אַ שעה 2 צו נאַכט. איך האָב אָנגעשטרענגט מיינע לעצטע כּוחות, כּדי ניט צו פאַרבלייבן ביינאַכט אויפן וועג און אָנצוקומען צום סדר צו די עלטערן. עס איז געבליבן אַ וויאָרסט 10. אַלץ איז שוין געווען אויף מיר דורכגענעצט דורך דעם רעגן פון אויבן און די בלאָטע פון אונטן. די שיך זיינען פון נאַסקייט „פונאַנדערגעפאָרן". אויף די פיס זיינען שוין געווען וואונדן, נאָר מיר האָט געטראָגן „דער אימפּעט". און ענדלעך אַ זייגער 7 פאַרנאַכט בין איך אַריינ=





געפאַלן ניט טויט ניט לעבעדיק אַהיים צו מיינע עלטערן, וועלכע זיינען געווען אַזוי איבערראַשט, אַז זיי האָבן ניט געגלויבט, אַז זיי זעען מיר. פאַר אָנדערהאַלבן טעג האָב איך דורכגעמאַכט 60 וויאָרסט אין די ערגסטע צייט פון יאָר. אַ פּאָר טעג בין איך געזעסן, אָדער געלעגן, ניט קענענדיק זיך באַוועגן מיט קיין גליד. די פיס האָבן שרעקלעך וויי געטאָן.

דער אָרט וואו מיינע עלטערן וואוינען, האָט זיך געפונען אַ וויאָרסט 7 פון דעם באָלשעוויסטיש=ליטווישן, מישטיינס געזאָגט, פראָנט, אָדער דעמאַרק=ליניע. דאָס איז אַ קליין גוט, אין וועלכן מיין פאָטער וואוינט שוין עטלעכע און פערציק יאָר און פירט לאַנדווירטשאַפט. עס איז שוין אויסגעקומען אין 1915 יאָר אַלץ וואַרפן און אַנטלויפן פון דער מלחמה=כוואַליע. דערביי זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען די בהמות, דער אינווענטאַר, די מעבל. נאָר ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען ווילנע, האָבן זיך מיינע עלטערן צוריקגעקערט, געפונען ביי אַ שכן אַ קו, צום גליק איז אין שייער געבליבן נאָך אַ ביסל תּבואה, אַ פערד איז אויך געבליבן און ביסלעכווייז האָבן זיי פאַרפירט צוריק אַ קליינע בעלי=בתּישקייט, און ניט קוקנדיק אויף אַלע אומשטאַנדן האָבן זיי געהאַט די מעגלעכקייט צו געבן די דורכגייענדיקע אביונים עסן און נאָך מיט זיך צו היבשע שטיקלעך ברויט און צו פאָר קוואָרט תּבואה.

די ידיעה וועגן אַזאַ מין הכנסת=אורחים האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן ווילנער אָרימעלייט און קיינער פון זיי פלעגט שוין ניט מיידן דעם „גוטן יידן". יעדן טאָג פלעגן דורכשניטלעך קומען 15—10 מענטשן (דאָס מערסט ווייבער מיט קליינע קינדער), וועלכע פלעגן באַקומען עסן אין די ערגסטע הונגער=יאָרן 1916, 1917. מען דאַרף באַמערקן, אַז איך האָב נאָך געהערט פון אַ סך מענטשן, וואָס האָבן דערציילט, אַז אויך אין אַנדערע ערטער זיינען די דאָרף=יידן געווען די איינציקע, וואָס פלעגן קיינעם ניט אָפּזאָגן פון געבן עסן, אַלעמען אָן אונטערשייד פון גלויבן. די פּויערים פלעגן זיך באַציען גאַנץ פיינדלעך צו די פאַרהונגערטע שטאָטלייט און נאָר פאַר חפצים פלעגט מען ביי זיי קריגן ברויט. דייטשע געלט, איבערהויפּט אָסט=געלט, האָט מען פון אָנהייב ניט געוואָלט נעמען.

פאַרן אַוועקגיין פון די דייטשן האָבן זיך איבערהויפּט פאַרמערט די צאָל באַנדיטן=באַנדעס, איינע פון זיי האָט געמאַכט אַן אָנפאַל אויף מיינע עלטערן. אויסער דעם, וואָס מען האָט ביי זיי צוגענומען אַלע שטוביקע זאַכן—האָט מען שרעקלעך געשלאָגן און געפּייניקט.

די תּבואה איז פאַרבליבן און, ווי עס האָבן געטאָן אַלע אַרומיגע, איז זי געווען באַהאַלטן. מען האָט זיך געריכט אויף שלעכטע צייטן.—ווען די דייטשן זיינען אַוועק, איז דאָך געשאַפן געוואָרן אַ מיליציע, וועלכע האָט באַקומען פון די דייטשן געווער און האָט זיך ענערגיש גענומען באַקעמפן דעם באַנדיטיזם, וועלכער האָט זיך אַזוי פאַרשטאַרקט אין 1918 יאָר. אין דער מיליציע זיינען געווען פאַרטראָטן גלייך יידן און קריסטן, און אויף אַזאַ אופן איז געווען אַ געוויסע גאַראַנטיע לגבי ספּעציעלע אַרויסטרעטונגען קעגן יידן.

די היצקעפּ, די דאָרפישע יונגעלייט, האָבן אין איינציקע פאַלן זיך אָפּגערעכנט מיט די סטאַראָסטעס, וועלכע זיינען געווען די משרתים ביי די דייטשן און דערביי גוט „אָנגעוואַרימט די הענט". מען האָט ביי זיי צוגענומען די „איבעריקע רייכקייט", אָבער אין אַלגעמיין האָט די מיליציע געהאַלטן די אָרדענונג און די באַפעלקערונג האָט פאַר איר מורא געהאַט. ביי אַ חודש צייט איז געווען רואיק. עס האָבן זיך ניט געהערט קיין גנבות און גזלות. לכתּחילה האָט מען געמיינט, אַז עס איז געקומען די רעכטע צייט פון „איש הישר בעיניו יעשה", אָבער עס האָט זיך גע=

שאַפן אַ מין בירגערלעכער געריכט, וואָס האָט על פּי יושר געפּסקנט וועגן אַלע סכסוכים.

ווען עס זיינען אָנגעקומען די באָלשעוויקעס האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, גלייך אָפּגעשאַפט די מיליציע און אָנגעהויבן איינצופירן די „רעווקאָמען" (רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן), וואו די בעלי־דעת זיינען געווען 18—17 יאָריקע ייִנגלעך. קודם כל האָט מען אַרעסטירט די מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אַ השפעה אין דער בירגערלעכער מיליציע און אַ פּולע גוטבאַזיצער פון די, וואָס האָבן ניט באַוויזן צו אַנטלויפן. פאַקטיש האָבן די רעווקאָמען געהאַט גאָר אַ קליינע דעה. דאָס איז געווען אַ שטיקל דעקאָראַציע צו דער „אַרבעטער־פּויערים רעגירונג". די גאַנצע מאַכט האָבן געהאַט די מיליטערישע קאָמיסאַרן. די רעווקאָמען פלעגן דאַרפן אָנווייזן וואו און ביי וועמען ס'איז דאָ עפּעס וואָס צו רעקווירירן, און דאָס איז טאַקע דורכגעפירט געוואָרן כדבעי. אַגב זיינען אין שטעטל געשטאַנען עטלעכע ראָטעס סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך געניטיקט אין פּראָוויאַנט, איבערהויפּט אין ברויט און פלייש. מען האָט צוגענומען אַלע בייקן און טעליצעס (יונגע קי). ביי מיינע עלטערן, צום ביישפּיל, האָט מען צוגענומען צוויי שטיק בהמות און אַ פערד, אַחוץ איבער 60 פּוד תּבואה, וואָס איז געווען אָנגעגרייט אויף זריעה און געווען באַהאַלטן אין היי־שייער. ביי די שטעטלשע איינוואוינער האָט מען צוגענומען כמעט אַלץ, וואָס איז געווען אָנגעגרייט פון עסנוואַרג און וואָס איז געווען „פאַרשטעקט". באַזונדערס האָט מען גענומען ביי די פּריצים, דערביי פלעגט מען פון זיי מאַכן חוזק. די פאַרוואַלטונג פון הויף פלעגט איבערגיין כלומרשט צו די אַרבעטער, אין אמתן צו מיליטער, אָבער קיין בעלי־בתּישקייט האָט מען ניט געפירט, מען האָט דערווײַלע געגעסן דאָס, וואָס עס איז געווען און איבערהויפּט צוגעשטעלט דאָס, וואָס עס איז נייטיק פאַר די באַדערפענישן פון דער אַרמיי.

די מלחמה, וועלכע עס האָבן געפירט די באָלשעוויקעס מיט די ליטווינער ביי דעם „פראָנט", איז געווען אַ מין קינדער־שפּיל. די ליטווינער האָבן געדונגען צו הילף די דייטשן, וועלכע זיינען אויף יענער זייט דעמאַרק־ליניע נאָך געווען די דעה־זאָגער, די דאָזיקע דייטשן פלעגן באַקומען ביי דער ליטווישער רעגירונג געהאַלט און אויסהאַלטונג, אָבער קיין גרויסן חשק צו שלאָגן זיך ווער ווייס פאַר וואָס און פאַר וועמען האָבן זיי ניט געהאַט. פאַקטיש איז געווען אַזוי, אַז ביידע צדדים האָבן מורא געהאַט איינער פאַר דעם אַנדערן, און דערהערנדיק אַ שאָס—פלעגט מען גלייך „אָפּציען". און אַזוי איז מען אָפּגעשטאַנען איינע אַנטקעגן די אַנדערע אַ חדשים 4—3. לפנים פלעגט מען אַמאָל זיך דורכשיסן, אָבער קיין געליטענע זיינען דערביי ניט געווען. סך־הכל עפּעס איין מאָל איז דערהרגעט געוואָרן אַ דייטש. די באָלשעוויקעס זיינען אַרויסגעגאַנגען עפּעס אין אַ דערפל נאָך „כאַרטש". עס זיינען אָנגעריטן אייניקע דייטשן, און פון „שרעק" האָט אַ באָלשעוויק אויסגעשאָסן און דערהרגעט אויפן אָרט אַ דייטשן סאָלדאַט. די דייטשן האָבן געענטפערט מיט עטלעכע שאָסן און אָפּגעטראָטן, איבערלאָזנדיק דעם דערהרגעטן. די באָלשעוויקעס האָבן אים אָפּגעפירט אין שטעטל און מקבר געווען לעבן קלויסטער. דער פאַל האָט געגעבן די מעגלעכקייט פאַרבינדן כמעט פריינדלעכע באַציאונגען צווישן ביידע פראָנטן. די דייטשן האָבן געשיקט פאַרלאַמענטאָרן מיטן ציל צו באַקומען דעם טויטן קערפער פון זייער חבר. די באָלשעוויקעס האָבן גערן עס געטאָן און מיט פאַראַד באַגלייט דעם געפאַלענעם. פון דעמאָלט אָן פלעגט מען פאָרן צו גאַסט איינע צו די אַנדערע, געמאַכט „באַליקעס". דערביי האָבן די דייטשן מכבד געווען די רוסישע קעגנער מיט „בראַנטוויין" און זיי האָבן באַקומען רוסישן טאַבאַק, צוקער. דעם „פראָנט" האָט מען פונדעסטוועגן „געהאַלטן", אָבער מער לפנים וועגן.



ניט קוקנדיק אויף אַלע שוועריקייטן, האָט די שטעטל זיך אָנגעהויבן צוגעוויינען צו די באָלשעוויקעס. מען האָט פון זיי פאַר ברויט געקענט קריגן זאַכן, איבערהויפּט וואַרימע וועש, שיך, צוקער. געלט האָבן זיי ניט געקאַרגט און געצאָלט „וויפיל מ'האָט געהייסן". קרעמער איז אַזאַ „אויפפירונג" געווען געפעלן: „מ'לייזט!"

דערצו האָבן די רויטע אַרמייער גלאַט האָלט געהאַט זיך צו משמח זיין. מען האָט איינגעאָרדנט אַ טעאַטער, און 1 מאָל, צוויי מאָל אין וואָך פלעגט מען מאַכן פאַרווײַלונגען מיט טענץ. דעם לאָקאַל האָט מען איינגעאָרדנט אין „פּאָפּס הויז", וואוהין מען האָט געבראַכט ווייכע מעבל און אַ ראָיאַל, וועלכע מען האָט צוגענומען ביים שטעטלשן גוטבאַזיצער (אַ דאָקטאָר). אויף די אָוונטן פלעגן זיך צונויפקומען שטעטלשע יונגוואַרג, יידישע מיידלעך און קריסטינס און מען פלעגט גאַנץ געשמאַק פאַרברענגען. אין זעלבן לאָקאַל פלעגן אַלע זונטאָג פאָרקומען מיטינגען אויפן באָלשעוויסטישן שטייגער. פאַר קינדער פלעגט מען איינאָרדענען ספּעציעלע אַגיטאַציאָנס־אָוונטן, מען פלעגט פאַר זיי פאָרלייענען ביכלעך אָדער ריידן. מען פלעגט שפּילן אויפן ראָיאַל. עטלעכע מאָל געגעבן זיי מתנות (פּאַקעטלעך מיט זיסקייטן), און מען דאַרף קאָנסטאַטירן, אַז די באָלשעוויקעס האָבן געפונען אַ וועג צו די קינדער, און האָבן געלאָזן ביי זיי אַ גוטן אָנדענק.

די קינדער, די קליינשטעטלשע פאַרהויטשעטע קינדער, האָבן אָנגעהויבן צו פילן, אַז זיי זיינען „עפּעס", אַז זיי האָבן אויך אַ וועלט, און די אידעאַלן פון גערעכטיקייט, וועגן וועלכע זיי האָבן געהערט אויף זייערע קינדערשע מיטינגען, אפשר צום ערשטן מאָל, זיינען זיי שטאַרק נאָענט געוואָרן...

און אַזוי האָבן די באָלשעוויקעס אָנגעהויבן „איינצולעבן זיך", ביז עס האָט דערלאַנגט אַ דונער...

אויפן קריסטלעכן פּסח האָט מען געזאָלט איינאָרדענען אַ גרויסע פאַרווײַלונג פאַר קינדער, און דער מיליטערישער קאָמיסאַר איז אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע ברענגען פאַר זיי מתנות. אין זעלבן טאָג איז ער אײַליק צוריקגעקומען מיט אַ בשורה, אַז ווילנע איז פאַרנומען דורך די פּאָליאַקן, אַז טראָק, פון וואַנען ער האָט זיך צוריקגעקערט, האָט שוין ניט קיין פאַרבינדונג מיט ווילנע, און עס איז ניטאָ קיין פאַראָרדענונג וואָס צו טאָן ווייטער. דער קאָמיסאַר האָט אויך דערציילט, אַז אין ווילנע קומט פאָר אַ פּאָגראָם.

מיינע עלטערן וואוינען אַ וויאָרסט פיר פון שטעטל, און ווען צו אונז האָט דערגרייכט די געשיכטע וועגן ווילנע, זיינען מיר געוואָרן פאַרציטערטע. אַוועקגייענדיק פון ווילנע האָב איך גאָרניט געקענט קלערן, אַז אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג זאָל מען אַרויסשטויסן די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן זיך שוין, ווי עס האָט דאַן אויסגעוויזן, אַזוי באַפעסטיקט, אַז זיי האָבן גאָרניט געטראַכט וועגן אָפּטרעטן פון ווילנע. די ידיעה וועגן פּאָגראָם מיט פּרטים (מען האָט דערציילט, אַז מען שליידערט קינדער פון די עטאַזשן אויפן ברוק) האָט אונז אַריינגעוואָרפן אין גרויס יאוש.

יעדערער קען זיך פאָרשטעלן די געפילן, וואָס עס לעבט איבער אַ פאָטער, וועלכער האָט געלאָזן אַ פאַמיליע מיט קליינע קינדער אין אַ שטאָט, וואו עס קומט פאָר אַ פּאָגראָם פון זיך אַריינגעריסענע צעווילדעוועטע חיילות... עס האָט זיך געוואָלט גלייך לויפן, אָבער וואו, ווען, ווי? דער רואיקער שכל האָט געדיקטירט „אָפּוואַרטן".

דערווײַלע האָט זיך אָנגעהויבן הערן פון ווילנער זייט אַן אָפּקלאַנג פון אַ האַרמאַטן־שיסעריי. —

דער מיליטערישער קאָמיסאַר האָט צונויפגערופן אין שטעטל אַלע רויטע חיילות, דערציילט זיי די לאַגע, געשילדערט דעם שרעקלעכן פּאָגראָם, וואָס קומט פאָר אין ווילנע און דערביי גע־

זאָגט, אַז איצט האָבן זיי פון צוויי זייטן שונאים, אָבער אַ טייל מוז גיין אויף הילף די ווילנער חברים, כּדי צו ראַטעווען זיי און זיך פון דער געפערלעכער לאַגע. דערביי האָט ער זיך פונאַנדערגעוויינט. אַלע יידן וואָס זיינען געווען אויפן מאַרק-פּלאַץ (דאָס איז געווען שביעי של פּסח) האָבן אויך שטאַרק געוויינט. צווישן די רויטע אַרמייער האָט זיך אַרויסגערופן מער ווי אַ ראָטע פּרייוויליקע, צווישן זיי אַלע יידישע סאָלדאַטן. דער קאָמיסאַר האָט זיך מיט אַלעמען געקושט, און האָט געהאַלטן אַ צווייטע רעדע, אין וועלכער ער האָט זיי באַגייסטערט. ווי מען האָט דערנאָך איבערגעגעבן, איז די ראָטע ניט דערגאַנגען ביז ווילנע, און איז צוזייט געוואָרן דורך די פּוילישע חיילות.

דער שטעטלשער גאַרניזאָן איז נאָך אָבער געבליבן זיצן אויפן אָרט, הגם אַלע האָבן געפילט, אַז זיינע טעג דאָ זיינען געציילטע. עס האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן ביי זיי אַ נערוועאישע שטימונג, און אויך ביי דער יידישער באַפעלקערונג. דערצו האָט קיינער ניט געהאַט קיין ריכטיקע ידיעות. די קריסטן האָבן דערציילט, אַז יידן האָבן געשאָסן פון די פענסטער, און דערפאַר האָבן זיי „אונזערע" דערנאָך געקוילעט ווי באַראַנעס (rzneli jak baranòw) אַזאַ ווערסיע האָט זיך געהאַלטן איבעראַל.

איך האָב זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. גיין איז געווען אוממעגלעך. איך האָב זיך גענומען צו פעלדאַרבעט מיט גרויס התמדה, געאַקערט, געזייט. מיר האָט זיך געדוכט, אַז נאָך די אַלע איבערלעבענישן בלייבט דער איינציקער וועג אַיינצושטילן דעם צובראָכענעם געמיט נאָר די געזונטע, נאַטירלעכע באַשעפטיקונג, אַקערבוי. די מלחמה-יאָרן האָבן געוויזן, אַז דאָס איז די זיכערסטע „פּרנסה". עס האָט אונז אויסגעפעלט נאָך אַ פערד, וועלכן די באָלשעוויקעס האָבן ביי מיינע עלטערן צוגענומען. איך בין אַוועק מיט מיין ברודער פועלן ביי זיי, אַז איצט כאָטש פאַרן אַוועקגיין, זאָלן זיי אים אָפּגעבן צוריק. דער פערד האָט זיך געפונען אין די ס' ביי אַ פּראָוויאַנט-לאַגער, וואָס האָט זיך [illegible] עטלעכע וויאָרסט פון שטעטל. די ערשטע זאַך, וואָס האָט זיך דאָרטן געוואָרפן אין די אויגן, איז געווען גאַנצע בערג מיט ביינער, ווייל די באָלשעוויקעס פלעגן עסן פלייש אָנשטאָט ברויט, און דעריבער האָט מען געשאָכטן בהמות, וועלכע מען פלעגט אָפּנעמען ביי דער באַפעלקערונג אָן אַ שיעור. פון קאָמענדאַנט האָבן מיר געהאַט אַ פּאַפּיר, אַז אויב דער פּראָוויאַנט-מאַגאַזין דאַרף ניט דעם פערד, קען מען אים אונז אָפּגעבן צוריק. דער פערד איז געווען זייער אַ גוטער, אָבער אָפּזייענדיק ביי זיי אַ וואָך 4, איז פון אים געוואָרן אַ תל. דער „קאָניוך" איז ביי זיי געווען אַ יידישער זעכצניעריקער בחור פון ווילנע, אַ געוועזענער שניידער-יונג. ער האָט ניט געהאַט קיין שום פאָרשטעלונג ווי אַרומצוגיין אַרום פערד. די פויערים האָבן דערציילט, אַז ער פלעגט ניט וויסן ווי אָנצוטאָן אַ צאַם אויפן פערד. ער פלעגט אים געבן היי, און מעת לעתן ניט געגעבן קיין וואַסער. קיין וואונדער ניט, וואָס אַזאַ „געניטער" מענטש האָט שוין אַוועקגעפּטרט ניט איין פערד. אונזערער האָט זיך נאָך געהאַלטן. דער עלטערער פון פּראָוויאַנט-מאַגאַזין האָט דאָך ניט געוואָלט אָפּגעבן דעם פערד זאָגנדיק, אַז איין בעל-הבית דאַרף ניט האָבן קיין צוויי פערד. דער פויער, ביי וועלכן זיי זיינען געשטאַנען, האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף יאָ אָפּגעבן דעם פערד: „ער איז אַ אָרנטלעכער מענטש און מען דאַרף דאָס טאָן, ווייל אַזוי וועט פאַרלאָרן גיין די בעלי-בתישקייט". דער פּראָוויאַנט-קאָמיסאַר איז געוואָרן ווייכער און האָט אָנגעהויבן צו פרעגן, ווי גייט מען אַריבער צו די ליטווינער. ער אַליין איז פון קאָוונער גובערניע און אים איז שוין דערעסן געוואָרן די גאַנצע שפּיל (Надоѣла вся эта музыка); אפשר קענען מיר אים העלפן זיך איבערפּעקלען. פאַרשטייט זיך, אַז מיר זיינען געווען איינגעהאַלטן און זיך אַרויסגעמאַכט פון אַ דירעקטן ענטפער. דעם פערד האָט ער אָפּגעגעבן.

די לאַגע פון די רויטע אַרמייער האָט זיך פאַרערגערט פון טאָג און זיי האָבן געמוזט וואָס גיכער זיך עוואַקוירן. עס זיינען צונויפגעטריבן געוואָרן פורן פון אַלע אַרומיקע דערפער און אייליק האָט מען אָנגעהויבן צו לאָדן אויף די וועגן. אויף דער שטעטל איז אָנגעפאַלן אַן אימה. מען האָט געציטערט פאַר דעם, וואָס וועט אָנקומען נאָך די „גדולים" (דער יידישער נאָמען פון די באָלשעוויקעס). דער פּחד איז נאָך געוואָרן גרעסער, ווען דער קאָמיסאַר האָט זיך געזעגנט מיט אַלע יידן און אפילו מיטן רב, בעטנדיק מחילה פאַר די צרות, וואָס די באַפעלקערונג איז אויסגעשטאַנען פאַר די עטלעכע חדשים פון זייער ממשלה. אין דעם מאָמענט האָט שוין קיינער זיך ניט געפרייט מיט דעם, וואָס די „גדולים" גייען אַוועק, לויטן אַלטן יידישן כּלל, אַז אויף קיין בייזן פּריץ טאָר מען קיין מפּלה ניט בעטן.

אָפּצוטרעטן האָבן די רויטע געהאַט פאַר זיך נאָר איין שמאָלן פּאַס דורך די שטעטלעך סומעלישאָק, יעוויע, שירווינט, כּדי זיך דורכצושניידן אויף דווינסק.

דער וועג איז געלעגן מיט אַ האַלב וויאָרסט פון דעם אָרט, וואו איך האָב פאַרבראַכט. גענוי וואָס עס האָט זיך געטאָן אין שטעטל האָבן מיר ניט געוואוסט, נאָר מיר האָבן שוין פון דערווייטנס געזען אַ שטאַרקע באַוועגונג אויפן שליאַך.

טראַכטנדיק דורכאויס וועגן אָפּגעבן זיך מיט לאַנדווירטשאַפט — האָב איך מיך — ווי ס'איז שוין אויבן דערציילט געוואָרן — עטלעכע טעג אָפּגעגעבן מיט התמדה צו דער פעלד-אַרבעט. אויסער אַלץ איז דאָס געווען דער בעסטער מיטל צו באַרואיקן דעם צובראָכענעם געמיט פון אומבאַוואוסטקייט וועגן דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט אין ווילנע, הגם עטלעכע מאָל פלעגן צוגיין פויערים און איבערחזרן די געשיכטע, אַז יידן אין ווילנע האָבן געשאָסן פון די פענסטער און דערפאַר האָט מען זיך מיט זיי אָפּגערעכנט. אין דעם טאָג ווען די באָלשעוויקעס האָבן אָפּגעטראָטן, האָב איך מיט מיין ברודער געאַקערט.

דער אָבאָז פון די רויטע האָט זיך זייער זאַכט באַוועגט, מחמת די פערד זיינען געווען שוואַך צוליב ניט דערעסן און וואו נאָר מ'האָט געקאָנט האָט מען צוגענומען פרעמדע פערד, כּדי זיי צוצושפּאַנען. עס זיינען צוגעפאָרן צו אונז צוויי רייטער מיט אַ פאָדערונג, צו העלפן אַרויפפירן אויפן באַרג אַ שווערע פור. „איר וועט מער ניט זיין פאַרנומען ווי אַ האַלבע שעה און מיר לאָזן אייך אָפּ צוריק". מיר האָבן איינגעשפּאַנט אין וואָגן אונזער פערד, און דער ברודער, שטיצנדיק זיך אויף זייערע ווערטער, איז אַרויס פון שטוב אין אַ רעקל, ניט מיטנעמענדיק מיט זיך קיין זאַך. ווי ער איז צוגעפאָרן, האָט מען אָנגעלאָדן אויף זיין פור פּולעמיאָטן (קוילנוואַרפער) און מען האָט אים שוין מער ניט אָפּגעלאָזן, און אָנשטאָט אַ האַלבע שעה איז ער אונטער דער גרעסטער געפאַר געווען אין וועג 10 טעג.

ניט אַלץ האָבן די באָלשעוויקעס באַוויזן מיטצונעמען מיט זיך, הויפּטזעכלעך אַגיטאַציאָנס-ליטעראַטור. מיר איז אין אַ פּאָר טעג אַרום אויסגעקומען צו גיין אין שטעטל און דורכגיין דורך דעם וועג, אויף וועלכן זיי האָבן אָפּגעטראָטן. אומעטום ביים וועג האָבן זיך געוואַלגערט בראָשורן, בלעטער אָן אַ שיעור. ממש ווייס איז געווען דער וועג.

פאַרן אַוועקגיין זיינען דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק מיט אַן אָרדינאַרעץ אַוועקגעריטן האַסטיק צו מערב פון שטעטל אין דער ריכטונג צו דער דייטש-ליטווישער דעמאַרק-ליניע כּלומרשט אויף אַ „ראַזוויעדקע", אָבער אין אמתן כּדי צו איבערגעבן זיך אין געפאַנגענשאַפט. דאָס האָט זיך זיי איינגעגעבן. זייער ביישפּיל האָבן נאָכגעטאָן אַנדערע חברים פון די איינפאַכע סאָלדאַטן. די אויפרע-

גונג צווישן די לעצטע אויף דער „נאַטשאַלסטווע" איז געווען אַ שרעקלעכע. מ׳איז אויף זיי געווען אין כעס פאַרוואָס זיי האָבן דאָ געוואַרט, און ניט אָפּגעגאַנגען גלייך, ווי ס׳האָט זיך באַקומען די ידיעה וועגן פאַרנעמען ווילנע. עס איז שוין געווען נאָענט דערצו, אַז מען זאָל מאַכן אַ סוף מיט די קאָמיסאַרן, אָבער אַ טייל האָט געזאָגט, אַז דאָס קען זיי שוין ווייניק העלפן, פאַרקערט, זיי קענען נאָך גיכער אַריינפאַלן אין די הענט פון די פאָליאַקן, ווייל ביי זיי וועט זיך אָנהויבן אַן אַנאַרכיע, און דעם וועג ווייס קיינער ניט. און אַז די פאָליאַקן וועלן מאַכן מיט זיי אַ סוף, איז ביי קיינעם קיין צווייפל ניט געווען.

ווי עס פאַסירט אָפט ביי אַזעלכע פאַלן, האָט זיך דאָ אויך אָנגעהויבן אַ דעמאָראַליזאַציע. אַ סך אַרמייער פלעגן מיט זייערע פורן אָנגעלאָדענע מיט צוקער, מעל, זייף און אַז. וו. אָפּפאָרן אָן אַ זייט פון שליאַך אין דערפער און פלעגן דאָס אַלץ פאַרקויפן, אָפט שוין דעזערטירנדיק דערביי.

אין שטעטל גופא זיינען קיין ראַבירונגען ניט פאָרגעקומען פון דעם טייל וואָס איז דאָרט געשטאַנען, אָבער אַנדערע אָפּטרעטנדיקע חיילות האָבן געמאַכט אַ „רושם" אין אַ פולע דערפער און ביי ישובניקעס. מען האָט צוגענומען בהמות, וועש, קליידער, שיך און אַלץ מן הבא בידם. וועגן פוראַזש איז שוין אָפּגערעדט, אַז דאָס האָט מען גענומען וויפיל עס איז נאָר געווען. מיר האָבן זיך אויך געריכט אויף באַזוכן און די גאַנצע נאַכט מיט אַן אויג ניט צוגעמאַכט, אָבער זי איז אַריבער רואיק. אויף מאָרגן אַ זייגער 7 אינדערפרי, ווען עס איז שוין אַלץ געוואָרן אויסערלעך רואיק, און די באָלשעוויקעס זיינען שוין ניט געווען, האָט זיך מיט אַמאָל דערהערט אַ שטאַרקע שיסעריי. איך בין דאַן געווען אויף אַ קליינער פישער-שיפל אויפן אָזערע און אַרויסגענומען בוטשעס (מכשירים כון פיש-פאַנגעריי)—עס האָבן אָנגעהויבן פייפן קוילן איבער מיין קאָפּ, איך האָב מיך קוים באַוויזן צו לייגן אויפן דעק פון שיפל. אַ קויל האָט דורכגעלעכערט אַ ברעטל פון שיפל. ווי עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, זיינען די קוילן געווען געווידמעט בסך הכל נאָר איין פאַרשפעטיקטן אָפּגעשטאַנענעם באָלשעוויק, וועלכן עס האָבן דערזען פון דערווייטן דייטשן, אָנגעריטענע פון ליטע. און דאָ האָט זיך נאָך אויך באַוויזן אַ אַעראָפּלאַן, וואָס איז געפלויגן אין דער ריכטונג, וואו די באָלשעוויקעס האָבן אָפּגעטראָטן. אין אַ קורצע צייט אַרום האָט זיך דערהערט אַן אויפרייס פון אַ באָמבע. דאָס האָט אַ דייטשער אַעראָפּלאַן געוואָרפן אין אָבאָז פון די באָלשעוויקעס. מיר האָבן גערעכנט, אַז דאָרטן איז מיין ברודער...

אין שטעטל זיינען אינם זעלביקן טאָג אַריינגעריטן אַ מאַן 10 דייטשן מיט עטלעכע ליטווינער, וועלכע מען האָט שוין איצט גערעכנט פאַר די שענסטע און בעסטע אָקופּאַנטן. מיט דער ליטווישער מאַכט האָט מען זיך נאָך ווייניק גערעכנט, און אַלץ איז נאָך געגאַנגען אויפן „דייטשס" חשבון. יידן זיינען אַלע אַרויס אויף די גאַנקעס און מען האָט זיי פריינדלעך באַגריסט. געענטפערט האָבן זיי זייער איינגעהאַלטן, און גלייך האָט מען אָנגעהויבן צו מאַכן הויזזוכונגען, מיטן ציל אָפּצונעמען די זאַכן, וועלכע די באָלשעוויקעס האָבן געלאָזן. דערביי האָט מען אייניקע, וועלכע מען האָט חושד געווען אין באָלשעוויזם, מכבד געווען מיט נאַגאַיקעס, אָבער מיט „חסד". דעם זעלביקן טאָג זיינען די דייטשן אָפּגעפאָרן צוריק, און די יידן האָבן דאָס שטאַרק באַדויערט.

אין דעם דאָרף וואו עס איז געווען דער באָלשעוויסטישער פּראָוויאַנט-מאַגאַזין, האָבן די דייטשן געפונען דעם קאָמיסאַר, וועלכער האָט אונז אָפּגעגעבן דעם פערד, אַ באַהאַלטענעם אויף אַ אויוון ביי אַ פויער. דערביי האָט מען ביי אים דערטאַפּט אַ גאַנצן טשעמאָדאַן מיט „ניקאָלאַיעווסקע" געלט.





דערווייַלע האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן קריסטלעכע פוסגייער פון ווילנע. מיט יידן פלעגן זיי כמעט ניט וועלן ריידן און ענטפערן קורץ Wszystkiego było („אַלץ געווען"). אָבער צווישן דער פויערשער באַפעלקערונג פלעגן זיי דערציילן די מעשים תעתועים פון די זשידעס און ווי מען האָט זיך מיט זיי גערעכנט.—

און מען האָט שוין אָנגעהויבן צו ריידן, אַז טויזנטער הרוגים וואַלגערן זיך אויף די ווילנער גאַסן.—

עס איז כדאי צו פאַרצייכענען אַזאַ פאַקט. מיט אַ טאָג 5--4 פאַר פסח איז צו מיינע עלטערן אַריין אַ אָרימער קריסט פון ווילנע. מען האָט אים געגעבן עסן, טרינקען, וואָס ער האָט אין פאַרלויף פון דעם גאַנצן וועג ניט געפרובט אָנזען מיט די אויגן. דאָס האָט אים גערירט און ער האָט אָפּגערופן דעם פאָטער אָן אַ זייט און אים געזאָגט: איך מוז דיר דערציילן אַ סוד, ווייל ד ביסט אַ גוטער מענטש. זיי וויסן, אַז פסח וועט זיין אין ווילנע אַ פּאָגראָם, און אויב דו האָסט וועמען דאָרטן, זאָל ער פון ווילנע אַרויספאָרן.—דאַמאָלסט האָט מען ניט צוגעגעבן זיינע ווערטער קיין גרויסע באַדייטונג. איצט אָבער, אַז זיין „נבואה" איז מקוים געוואָרן, האָט מען זיך אָן אים דערמאָנט. עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו פילן צווישן דער באַפעלקערונג אַ פיינדלעכע שטימונג.—דאָס, וואָס דער ברודער האָט זיך ניט אומגעקערט און די אַלע ידיעות, אַז דעם באָלשעוויסטישן אָבאָז, וואו ער איז געווען, האָט מען אַטאַקירט עפּעס אויף אַ בריק, וועלכער איז צושעדיקט געוואָרן דורך אַ באָמבע און דערביי איז כמעט דער גאַנצער אָבאָז אומגעקומען,—האָט אונז, איבערהויפּט מיינע עלטערן, אַריינגעוואָרפן אין גרויס טרויער. מען קען זיך פאָרשטעלן וואָס זיי האָבן דורכגעפילט, בעת עס איז אַריין אַ שגץ און האָט געפרעגט צי איז געקומען צוריק זייער זון (אַ פולע פורן האָבן זיך שוין אומגעקערט). „ער איז ניט געקומען",—זאָגן מיר, „נו, וועט ער שוין ניט קומען",—זאָגט דער שגץ, און דערציילט די מעשה מיטן בריק. ניט קוקנדיק וואָס מיינע עלטערן האָבן מיר ניט געוואָלט אָפּלאָזן „אין פייער" און וואָס זיי זיינען געבליבן אַליין (דער ברודער איז געווען דער איינציקער אַרבעטזאַמער מענטש אין הויז), האָב איך שוין מער ניט געקענט פאַרבלייבן אין אומוויסנקייט וועגן ווילנע און וועגן מיין פאַמיליע. איך האָב זיך צונויפגערעדט מיט צוויי יונגעלייט, וועלכע האָבן געהאַט ברידער און שוועסטער אין ווילנע, אַז מיר זאָלן זיך ריזיקירן דורכרייסן קיין ווילנע, און אויב אונזערע לעבן, ברענגען פאַר זיי וועלכע עס איז לעבנסמיטל און באַזונדערס ברויט. מיר האָבן גענומען פעקלעך צו 15-20 פונט אויף די פלייצעס און אָפּזעגענענדיק זיך מיט די עלטערן, וועלכע האָבן אונז באַוויינט, האָבן מיר זיך געלאָזן אין וועג. דאָס איז שוין געווען אַן אַכטאָג אַרום נאָך דעם, ווי די פאָליאַקן זיינען אַריין אין ווילנע. מיר זיינען אַרויסגעפאָרן מיט אַ פור. אויפן וועג האָבן מיר באַגעגנט אַ דייטשן לייטענאַנט מיט אַ סאָלדאַט. ווי עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, איז דאָס געווען אַ שליח פון דייטש-ליטווישן שטאַב צו די פאָליאַקן מיט אַ פאָדערונג, אַז זיי זאָלן ניט גיין ווייטער פון טראָק. די פאָליאַקן האָבן אָבער אויף דעם ניט מסכים געווען און געזאָגט, אַז זיי וועלן פאַרנעמען אַלע ערטער וואו די באָלשעוויקעס זיינען נאָר געווען.

אָפּפאָרנדיק אַ וויאָרסט 10—11 האָבן מיר פון דער ווייטן דערזען חיילות. מורא האָבנדיק, אַז מען וועט די ערשטע זאַך צונעמען ביי אונז די פערד, האָבן מיר אָפּגעשיקט די פור צוריק; אַרויפגענומען אויפן פלייצע די פעקלעך, זיינען מיר דרייסט געגאַנגען ווייטער. די חיילות זיינען געווען די ערשטע שטויס-אָפּטיילונגען פון די פוילישע לעגיאָנען. ווען מיר זיינען אַריין אין דעם ערשטן דערפל, וואו זיי האָבן זיך צייטווייליק אָפּגעשטעלט,—האָבן זיי ביי אונז געפרעגט, פון וואַנען גייען מיר. מיר האָבן

געענטפערט. דאַן האָבן זיי ווייטער געפרעגט, צי זיינען דאָרטן דאָ דייטשן. איינער האָט ביי אונז געבעטן פּאַפּיראָסן, און צו אונזער גרויס פאַרוואונדערונג — האָט מען אונז דורכגעלאָזן גיין ווייטער, אפילו ניט אונטערזוכנדיק. אמת, גייענדיק ווייטער האָבן מיר אָנגעטראָפן טעלעפאָן־אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן געקוקט אויף אונז מיט אַ חשד און ניט געענטפערט אונז אַפילו אויף אונזער „גוט מאָרגן”. אָבער אויך דאָ האָט מען אונז ניט אָנגערירט. עוין דערגייענדיק צו טראָק—האָבן מיר באַגעגנט פויערים מיט פויערטעס, וואָס זיינען געגאַנגען פון קלויסטער (עס איז געווען זונטאָג) און מיט צופרידענע פנימער האָט מען גערעדט וועגן די מעשים פון „אונזערע”, וואָס האָבן אַרויסגעטריבן די באָלשעוויקעס. נאָר זיי האָבן אונז אויך ניט אָנגערירט. אין טראָק זיינען מיר אַריין אין דער ערשטער יידישער שטוב, וואו אַ יונגע פרוי האָט געהאַט אַ מאַן אין ווילנע און זי האָט ניט געוווּסט, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט.

קיין יידישער דורכגייער פון ווילנע איז נאָך ניט געווען. עס זיינען אַרומגעגאַנגען פאַרשיידענע קלאַנגען. אין טראָק גופא האָט מען פון אָנהייב אָנגעהויבן צו ראַבירן (עפּעס גענומען סחורה אין עטלעכע קראָמען), אָבער גלייך אויפן אַנדער טאָג איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדענונג, אַז עס זאָל זיין רואיק. מיר זיינען דערגאַנגען ביז לאַנדוואָראָווע און געטראָפן אַ קופּקעלע יונגע מיידלעך (מענער האָבן זיך ניט געוויזן די גאַסן), און דאָ האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דער מאַן פון דער יונגער פרוי פון טראָק, וואו מיר זיינען אַריין, איז דערהרגעט געוואָרן. איינע האָט מיר געזאָגט אויף מיין פראַגע, צי ווייס זי וואָס וועגן דעם הויז וואו איך וואוין, אַז זי האָט געהערט, דאָס אין יענעם הויז איז פאָרגעקומען אַ ראַבירונג. צי זיינען דאָ קרבנות,--דאָס ווייס זי ניט. אויף אַזאַ אופן האָב איך זיך שוין געקענט פאָרשטעלן דאָס שרעקלעכסטע. דאָס ערשטע יידישע הויז וואוהין מיר זיינען אַריין, האָט געהאַט אַ קרבן, און דאָ די ידיעה וועגן ראַבירונג ביי אונז. איך האָב שוין געקענט רעכענען אויף אַלץ...

לאַנדוואָראָווע אַליין האָט שרעקלעך געליטן. ביים אָפּטרעטן, האָבן ביי די פאַרמעגלעכערע די באָלשעוויקעס צוגענומען פערד מיט קי און אַנדערע זאַכן. און נאָך מעשה ווילנע האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה רויבערייען מיט נגישות אָן אַ שיעור. עס פלעגן קומען אַלע ווײַלע פרישע באַוואָפנטע באַנדעס פון ווילנע, און דאָס וואָס איינע האָט ניט באַוויזן אַוועקצונעמען, פלעגן דאָס טאָן די איבעריקע, דערביי האָט מען אָנגעטאָן פאַרשיידענע עינויים. דעם רב מיט נאָך אַ פּאָר פון די עלטערע בעלי־בתים — האָט מען צופוס געטריבן פון לאַנדוואָראָווע קיין ווילנע און דערביי מערדעריש געשלאָגן, פאַרוואָס זיי זיינען ניט געגאַנגען אַזוי גיך, אָדער ניט געקענט גיין ווייטער. אויף אַ פור האָט מען זיי ניט געלאָזט זיך זעצן. דער גרעסטער טייל יידן האָבן זיך באַהאַלטן. עס זיינען אַריבערגעגאַנגען עטלעכע טעג אין שרעקלעכע רויבערייען פון באַנדיטן, ביז וואַנען דער קאָמענדאַנט האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג צו שמייסן די רויבער. נאָך דעם האָט זיך גלייך באַרואיקט.—

אויף די וועגן האָבן מיר קיין איין יידן ניט געטראָפן און אַלע האָבן זיך געוואונדערט, ווי גייען מיר דאָס אין אַזאַ געפערלעכער צייט. דעם וועג פון לאַנדוואָראָווע ביז ווילנע האָבן מיר דורכגעמאַכט מיט גרויסע מאָראַלישע ליידן, וועמען מען פלעגט ניט באַגעגענען, הויפּטזעכלעך פרויען, פלעגן זיי אַלע ניט דורכלאָזן אונז אָן גיפטיקע באַמערקונגען, שטעכווערטלעך און זלזולים,





די ערשטע ווערטער פלעגן זיין „זשידאָווסקיע קאָמיסאַרי”. אין איין אָרט האָבן מיר באַגעגנט עטלעכע פויערים מיט הויזגעזינדן. איינער פון זיי האָט זיך, ווענדנדיק צו מיין זייט, אָפּגערופן: „איך האָב זיין טאַטן אויף יענער וועלט אַוועקגעשיקט, מען דאַרף אים אויך אַהין אַוועקשיקן”. די פויערטעס האָבן גערעדט, אַז איצט טאָר מען שוין ניט קויפן און פאַרקויפן עפּעס וואָס אַ ייד, פאַר דאָס קענען „אונזערע” דערשיסן.

צוגייענדיק צום וואַקער בריק האָבן מיר געטראָפן אַ צוג, וואָס דאַרף אָפּגיין אויף ווילנע און נעמט פּאַסאַזשירן. מיר זיינען צוגעגאַנגען פרעגן, וואו קויפט מען אַ בילעט. דער שומר אָדער קאָנדוקטאָר האָט אונז געענטפערט: „איר קענט ניט פאָרן”. מיר האָבן אָנגעוויזן, אַז אָט פאָרן דאָך דאָ מענטשן. „דאָס זיינען מענטשן, אָבער ניט איר פאַרכעס” א. אַ. וו. פאַרשטייט זיך, אַז ניט קוקנדיק אויף דער מידקייט און צובראָכנקייט פון אַלץ, וואָס מיר האָבן געזען און געהערט, זיינען מיר געגאַנגען ווייטער. עס האָט זיך געפילט אויף יעדן טריט, אַז מען ברענט דעם אָרט וואו מיר שטייען און גייען. און מערקווירדיק איז, אַז די פאַרבייגייענדיקע סאָלדאַטן האָבן אונז ניט אָנגערירט מיט קיין זאַך.

דאָס איז נאָך מער געווען צו באַוואונדערן, נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז אויף די וועגן זיינען ערמאָרדעט געוואָרן צענדליקע און אפשר הונדערטער מענטשן.—

אין דאָלנע האָב איך עפּעס דערזען אַ באַקאַנטע מיידעלע. דערזעענדיק מיר, איז זי אַנטלאָפן געוואָרן, און דאָס האָב איך אויך געקענט אויסטייטשן פאַר אַ שלעכטן סימן, אַז מען האָט מיר מורא אויסצוזאָגן דעם אמת, וועלכן מען וויל פון מיר באַהאַלטן. ניט ווייט פון שטאָט האָבן מיר אין אַ וועלדל געטראָפן אַ יידיש הויזגעזינד, וועלכע האָט פאַרלאָזן ווילנע כדי צו אַנטלויפן קיין אָליטע. זיי האָבן אָנגערופן אַ גוזמהדיקע ציפער פון דערהרגעטע (9—8 טויזנט). אַריינגייענדיק אין שטאָט דורך נאָווגאָראָד, האָב איך מיט פאַרוואונדערונג דערזען עטלעכע יידישע קינדער, וואָס שפּילן זיך אויפן גאַס. אויף די גאַסן האָט זיך געוואַלגערט פול צובראָכענע גלאָז. פון די טויערן האָבן אַרויסגעקוקט דערשראָקענע פנימער און אַלע האָבן שעפּטשנדיק געפרעגט דערשראָקן פון וואַנען מיר זיינען, צי קען מען שוין גיין אויף די וועגן. עס ווייזט אויס, אַז מיר זיינען געווען די ערשטע יידן, וואָס זיינען אַריין אין שטאָט נאָך די „געשעעניש”.—

איך האָב מורא געהאַט אַריינצוגיין אַהיים גלייך. פון ווייטן האָב איך דערזען דעם ד״ר שאַבאַד. דאָס האָט מיר אַ ביסל שטייפער געמאַכט. אָט איז דאָ אַ באַקאַנטער, וואָס לעבט דאָך, דעריבער דאַרף איך נאָך די האָפענונג ניט פאַרלירן. אָבער איך האָב זיך דאָך ניט געקענט באַשליסן צוצוגיין צו אים, איך זאָל ניט דערהערן אַ בשורה, פאַר וועלכער איך האָב אַזוי געציטערט.

איך געדענק שוין ניט ווי איך בין דערגאַנגען אַהיים. אויפן וועג האָב איך זיך דאָך צוזאַמענגעשטויסן מיט אַ באַקאַנטער, וועלכע האָט מיר די ערשטע דערציילט, אַז טראָץ דער ראַבירונג וואָס איז ביי אונז פאָרגעקומען, זיינען אַלע פון מיין הויזגעזינד אין גאַנצן.—

קיינער האָט דאָ ניט געוואָלט גלויבן, אַז איך בין דורכגעגאַנגען דורכן פראָנט און געבליבן לעבן. אַלע האָבן געזאָגט, אַז איך האָב דאָס ניט געטאָרט טאָן און דער אמת איז, אַז איך האָב טאַקע געקענט אומקומען אויף דער נסיעה צוריק קיין ווילנע, נאָר דאָך ניט אומגעקומען.



א. י. גאָלדשמידט.

# זעקס וואָכן ליטע.

## I. ווילנע ערב ליטע.

**די ליטווינער אונטערן פרעמדן יאָך.**—ווילנע—די מוטער פון ליטע, „דאָס ליכט און ליבע" שפּרייטנדיקע טייערע אויג אין קאָפּ פון ליטע", ווי זי הייסט בּיי דעם גרויסן ליטווישן דיכטער מאַיראָניס, „ירושלים דליטא", ווי דאָס גאַנצע יידישע פאָלק רופט זי אָן—איז אין משך פון בּאַזונדערס די לעצטע 125 יאָר געווען דערווייטערט פון אירע קינדער. אין יאָר 1795 איז גאַנץ גרויס=ליטע מיט ווילנע בּראש אַרונטערגעפאַלן אונטער דער אָקופּאַציע פון דעם צאַרישן אַבּסאָלוטיסטישן רוסלאַנד, ווי קליין=ליטע אונטער זעלבּסטהערשערישער ממשלה פון דעם טיראַנישן פּרייסן, און פון דעמאָלט אָן האָט דאָס אומגליקלעכע לאַנד מיט זיין נאָך מער אומגליקלעכער רעזידענץ ניט אויפגעהערט צו ליידן. אַלע הערשער און אָקופּאַנטן האָבּן בּלויז איין ציל געהאַט—צו זויגן דאָס בּלוט פון דער מוטער ווילנע און פון אירע קינדער.

און אַ צעטראָטענע איז געלעגן ליטע, און אַ פאַרגוואַלטיקטע און אַ פאַרשמאַכטע איז געלעגן ווילנע, און ווער עס האָט נאָר געהאַט כּוח און ווער עס האָט חשק נאָר געהאַט, איז געקומען און גענומען ווילנע, איז געקומען און גענומען ליטע—און ווייטער געטראָטן זיי מיט שפּאָטישער אכזריות, ווייטער געפּייניקט זיי מיט וואַנדאַלישער רציחה.

בּיז עס איז געקומען דער גרויסער קריזיס אין דער וועלט=מלחמה,—און אויך דאָס אוראַלט=האָרעפּאַשנע פאָלק פון ניעמאַן, דוביסע און וויליע האָט בּאַקומען די מעגלעכקייט אויפצושטיין צו אַ זעלבּשטענדיקן נאַציאָנאַלן לעבּן און האָט געטאָן אַ פאָדער זיינע רעכט — — — —

**די רעכט פון ליטע אָנערקענט פון רוסלאַנד און פוילן.**—דעם 12 יולי 1920 איז אין מאָסקווע געשלאָסן געוואָרן שלום צווישן ליטע און רוסלאַנד. לויט דעם שלום=טראַקטאַט, אָנערקענט רוסלאַנד אָן שום טענות ומענות די זעלבּשטענדיקייט און די אומאָפּהענגיקייט פון דער ליטווישער מלוכה מיט אַלע יורידישע פּועל=יוצא׳ס, וואָס זיינען פון אַזאַ אָנערקענונג געדרונגען, און מיטן גוטן ווילן זאָגט זי זיך אויף אייבּיקע צייטן אָפּ פון אַלע אירע סובערנע רעכט איבּערן ליטווישן פאָלק און זיין טעריטאָריע. לויט דעם זעלבּיקן טראַקטאַט, גייט אַריבּער צו ליטע—ווילנע, גראָדנע, לידע, אָשמענע און אַ טייל פון גראָדנער גובּערניע. בּנוגע סובאַלקער גובּ. איז די פראַגע געבּליבּן אָפן; אַ טייל וועט פאַרבּלייבּן בּיי פוילן און אַ טייל וועט אַריבּער צו ליטע. ווייטער האָבּן זיך בּיידע צדדים מתחייב געווען ניט צו דערלאָזן אויף זייערע טעריטאָריעס קיין שום אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבּן דעם ציל צו מאַכן אַן איבּערקערעניש בּיים צווייטן צד.

בּאַלד אָ[illegible] אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע אין די צייטונגען אין נאָמען פון דער פראַנצויזישער „פיגאַראָ", אַז דער פּוילישער פּרעמיער=מיניסטער גראַבּסקי האָט, נאָך איידער די פּאָליאַקן האָבּן פאַרלאָזן ווילנע, פייערלעך אָפיציעל ערקלערט אויף דער קאָנפערענץ אין ספּאַ, אַז די פּאָליאַקן זאָגן זיך אָפּ פון ווילנע. שפּעטער האָט זיך די דאָזיקע ידיעה בּאַשטעטיקט אין אַלע פּרטים.

**דער אַריינמאַרש פון די ליטווינער אין ווילנע.**—דעם 14 יולי 1920 האָבּן די פּוילישע חיילות כּמעט אָן אַ שלאַכט אָפּגעטראָטן ווילנע דער רויטער אַרמיי; אין דער זעלבּיקער צייט, אין סאַמע לעצטן מאָמענט, בּעת ס׳איז שוין געגאַנגען אַ שיסעריי אין שטאָט, האָט די פּוילישע קאָמאַנדע מודיע געווען דער ליטווישער קאָמאַנדע, אַז זי איז מסכּים אַריינצולאָזן די ליטווישע חיילות אין שטאָט. ס׳איז שוין אָבּער געווען צו שפּעט, ווייל די רויטע אַרמיי האָט שוין געהאַלטן בּיים אַריינגיין אין שטאָט. אגב האָבּן די ליטווינער גאָרניט געקענט בּאַווייזן אַריינצוגיין אין שטאָט דעם 14 יולי איבּער אָט דער סיבּה: אפילו נאָכדעם ווי די פּוילישע קאָמאַנדע האָט מסכּים געווען אָפּצוטרעטן די שטאָט די ליטווינער, האָבּן די פּוילישע חיילות, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דער ליטוויש=פּוילישער דעמאַרק=ליניע, אומבּאַוואוסט לויט וועמעס בּאַפעל, ניט דערלאָזן די ליטווינער צו דערנעענטערן זיך צו ווילנע. בּלויז נאָך אַ גאַנצער ריי צוזאַמענשטויסן און שלאַכטן מיט די פּאָליאַקן האָט זיך די ליטווינער איינגעגעבּן אַריינצוגיין אין זייער הויפּטשטאָט, וואָס זיי האָבּן צו איר אַזוי לאַנג און מיט אַזאַ בּענקשאַפט געשטרעבּט. דאָס איז געשען ערשט דעם 15 יולי, אויף מאָרגן נאָכדעם ווי אין שטאָט איז אַריין די רויטע אַרמיי.

**דער פאָרמעלער אַקט פון איבּערגעבּן ווילנע אין די הענט פון דער ליטווישער מאַכט.**—אין שטאָט איז אַריינגעגאַנגען די ערשטע ליטווישע אינפאַנטערישע ראָטע און נאָך איר אַן עסקאַדראָן פון דער ליטווישער קאַוואַלעריע. דאָס איז געווען אַרום 4 אַ זייגער בּייטאָג דעם 15 יולי. ס׳האָט זיך בּאַלד פאַרשפּרייט די ידיעה וועגן דעם אַריינמאַרש פון די ליטווינער, און די גאַסן זיינען כּהרף עין פול געוואָרן מיט מענטשן. די יידישע בּאַפעלקערונג, וואָס איז געלעגן פאַרשטיקט אין די בּיידע מער און קעלערס, האָט איצט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם פאַר די לעצטע שרעקלעכע טעג. אויף געאָרג=פּראָספּעקט, בּיים האָטעל בּריסטאָל, איז געווען פאַרזאַמלט אַ געוואַלטיקער עולם. אין מיטן זיינען געשטאַנען אייניקע מיליטערלייט אין ליטווישער אוניפאָרם, און דער עולם האָט זיך געשפּאַרט אָנקוקן זיי. מ׳האָט מיט התפּעלות איבּערגעגעבּן די נייס פון מויל צו מויל: „די ליטווינער זיינען דאָ! **די ליטווינער נעמען איבּער די שטאָט!**" פון אַלע זייטן האָבּן געשטראָמט אַלץ נייע און נייערע מחנות נייגעריקע.

ניט ווייט פון דעם ליטווישן קאָמיטעט אויף געאָרג=פּראָספּעקט, **אין דער געגנוואַרט פונם פאָרשטייער פון ענגלאַנד**, איז פאָרגעקומען דער פאָרמעלער אַקט פון איבּערגעבּן די שטאָט אין די הענט פון דער ליטווישער מאַכט. דער קאָמאַנדיר פונם רייטער=קאָרפּוס פון דער רויטער אַרמיי ח׳ גאַי מיט זיינע חברים האָט בּאַגריסט די ליטווינער, וואָס זייער לאַנגאָניקער חלום איז מקוים געוואָרן, און האָט ערקלערט, אַז אין 2—3 טעג אַרום, ווי נאָר עס וועט זיך אָרגאַניזירן די ליטווישע מאַכט, וועט די רויטע אַרמיי, בּהסכּם מיטן וואָרט, וואָס איז געגעבּן געוואָרן בּיים שליסן דעם שלום=אָפּמאַך אין מאָסקווע דעם 12 יולי, פאַרלאָזן די שטאָט, ווי בּכלל די ליטווישע טעריטאָריע. דער פירער פון דער ליטווישער אָפּטיילונג האָט אין ליטוויש געענטפערט אויף דער בּאַגריסונג און געמאַכט אַן אויסרוף לכּבוד דעם שלום פון די פעלקער. בּיידע קאָמאַנדירן האָבּן זיך געדריקט די הענט, ס׳זיינען אויסגעזונגען געוואָרן דער ליטווישער הימן און דער אינטערנאַציאָנאַל, ס׳האָט אויפגעשאַלט אַ הילכיקער „הוראַ!" און די רויטע אַרמייער מיט די ליטווישע מיליטערלייט האָבּן סאַלוטירט מיטן מיליטערישן „טשעסט".

דאָס איז געווען אַ האַרציקע סצענע, אַ היסטאָרישער אַקט, וואָס חזרט זיך ניט איבער.

דער עולם האָט אָן שום צוגעגרייטער אַגיטאַציע באַגריסט מיט גרויס התלהבות די ליטווישע אַרמיי און די פון קאָוונע געקומענע ליטווישע און ענגלישע אַווטאָמאָבילן, און אויך די מאַניפעסטאַציע פון די ליטווישע אַנשטאַלטן און שולן.

**די ליטווישע מאַכט און דער רעווקאָם.**—גאַיס אַרמיי איז אין צוויי-דריי טעג אַרום אַוועק און איר אָרט האָט פאַרנומען אַן אַנדער גרויסע רויטע אַרמיי, וואָס האָט פאַרבראַכט אין ווילנע ביזן 26 אַווגוסט; ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט און באַלד אויך אַ סאָוועטישע מיליציע. אין דערזעלביקער צייט האָבן אין ווילנע אַריינגעמאַרשירט וואָס ווייטער אַלץ מער ליטווישע חיילות, פוסגייער און קאַוואַלעריע, וואָס זיינען ווידער באַגעגנט געוואָרן פון עולם מיט באַגייסטערונג און וואַרים באַגריסט געוואָרן; ס'איז אַיינגעאָרדנט געוואָרן אַ ליטווישע קאָמענדאַנטור.

די ערשיינונג איז געווען אַ משונהדיקע:

דעם 19 יולי איז אויף די ווילנער גאַסן פונאַנדערגעקלעפּט געוואָרן אין 5 שפּראַכן (ליטוויש, פּויליש, ווייסרוסיש, יידיש און רוסיש) די דאָזיקע פאַראָרדענונג פון **ליטווישן קאָמענדאַנט**: „אויפן סמך פון דעם 1-טן און 2-טן פונקט פון דעם שלום-אָפּמאַך צווישן דער ליטווישער רעגירונג מיט דער רוסישער סאָוועטישער פעדעראַטיווער סאָציאַליסטישער רעפּובליק מעלד איך, אַז די **גאַנצע מאַכט** אין דער באַפרייטער געגנט פון ליטע געהערט אויסשליסלעך דער ליטווישער. גרינדונגס-פאַרזאַמלונג און די פון איר באַשטימטע רעגירונגס-אָרגאַנען. מעלדנדיק וועגן דעם, בין איך מודיע, אַז איך בין באַשטימט פאַר אַ מיליטערישן קאָמענדאַנט איבער דער שטאָט ווילנע מיט דעם קרייז. די קאָמענדאַנטור געפינט זיך אויף געאָרג-פּראָספּעקט נומער 3. אונטערגעשריבן: קאָמענדאַנט, קאַפּיטאַן קורקאַוסקאַס. דעם 19 יולי 1920".

די פאַראָרדענונג פונם ליטווישן קאָמענדאַנט איז אָבער שפּעטער אַראָפּגעריסן געוואָרן און אויף איר אָרט איז אויפגעקלעפּט געוואָרן אַן אויפרוף פון ווילנער **קריגס-רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט** צו די חברים און בירגער, אַז ער האָט איבערגענומען די **העכסטע מאַכט** אין ווילנע און אין גאַנץ ווילנער קרייז און איז דער קאָמפּעטענטער אָרגאַן צו אַנטשיידן אַלע פראַגן פון דער ציווילער באַפעלקערונג און רעגולירן זייערע באַציאונגען צו דער מיליטערישער מאַכט. דער ווילנער קריגס-רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט רופט אַלע אַרבעטער צו אונטערשטיצן אים אַקטיוו און העלפן אים דערשטיקן אינגאַנצן די בורזשואַזיע מיט איר גרויסער קליקע, העלפן דעם ענדגילטיקן נצחון פון פּראָלעטאַריאַט און דער מאַכט פון דער סאָוועטישער אַרבעטער-פּויערשער ליטע.

דאַן איז פון דער ליטווישער זייט געשטעלט געוואָרן דעם רעווקאָם די שאלה: ווילאַנג פאַרבלייבט אין ווילנע, ווי בכלל אין ליטע, די סאָוועטישע מאַכט? דערויף איז געגעבן געוואָרן אַ קלאָרער ענטפער: אין אַלע ערטער, וואָס זיינען דורך דער רויטער אַרמיי באַפרייט געוואָרן פון די פּאָליאַקן און דאַרפן איבערגעגעבן ווערן דער ליטווישער מאַכט, פאַרבלייבט די סאָוועטישע מאַכט, סיי די מיליטערישע, סיי די ציווילע, כל-זמן די דאָזיקע ערטער פאַרלירן ניט זייער סטראַטעגישע באַדייטונג פאַר ראַטן-רוסלאַנד.

דער מאָמענט איז אָבער ניט אַזוי גיך געקומען, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניטגלייכער גראַנגל צווישן דער אָנמעכטיקער ליטווישער קאָמענדאַנטור און דעם מעכטיקן רעווקאָם, אַ גראַנגל, וואָס האָט זיך געצויגן ביזן 26 אַווגוסט.

אייגנטלעך האָבן די ליטווינער געגלייבט און געהאָפט ווי עס איז דורכצוקומען מיטן רעווקאָם, כדי צו אָרגאַניזירן דאָ די ליטווישע מאַכט. זיי האָבן געפּלאַנעוועט צו באַשטימען אַן אייגענעם קאָמיסאַר פאַר ווילנער קרייז און זיי האָבן גערעכנט, אַז ווי נאָר די ליטווישע מאַכט וועט זיך אָרגאַניזירן, וועט מען אָנהייבן ברענגען לעבנסמיטלען פון קאָוונע, כדי ניט צו דערלאָזן צו אַ הונגער, וואָס האָט זיך גענומען רוקן אַלץ נעענטער.

**די ערשטע טעג פון דער באַפרייטער ווילנע.**

אין שטאָט איז געווען לעבעדיק און פריילעך. די מערק און די גאַסן האָבן געקאָכט פון מענטשן. עפּעס אַ נייע מונטערקייט איז אויף אַלעמען אַרויף. מ'האָט געהאָפט אויף בעסערע צייטן. די געשעפטן האָבן געשמאַק געלייזט, באַזונדערס פון די רויטע אַרמייער, וואָס האָבן זיך בכלל ניט געדונגען מיט די קרעמער, ניט געקוקט דערויף, וואָס זיי, די קרעמער, האָבן באמת „געריסן פון די סאָלדאַטן אַ פּאַס". די כל המינים ספּעקולאַנטן האָבן געזוכט אויסצונוצן דעם מאָמענט, האָבן באַקומען אַזוינע גרויסע אַפּעטיטן, אַז זיי האָבן זיך אפילו ניט געשראָקן פאַר קיין שום מיטלען מצד דער רעווקאָמישער מאַכט און האָבן ממש געשונדן די הויט פון דער אָרימער באַפעלקערונג, וואָס האָט ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אָנצוגרייטן וועלכע ס'איז זאַפּאַסן. אָבער די ווילד-אויפגעשרויפטע פרייזן, וואָס האָבן אַריבערגעשטייגט די מקחים אין רוסלאַנד, האָבן באַלד אָנגעהויבן אַרויסרופן אינצידענטן מיט די סאָלדאַטן, וואָס ס'האָט געקאָנט ברענגען צו טרויעריקע רעזולטאַטן. דער שטאָט-מגיד הרב ר' **מנחם קראַקאָווסקי** האָט אין שטאָטשול געהאַלטן וועגן דעם ענין זייער אַ הייסע דרשה. ער האָט שאַרף געמוסרט דעם יידישן סוחרישן עולם, וואָס וויל זיך ניט רעכענען מיטן מאָמענט, און דורך זייערע מיאוסע מעשים קענען זיי נאָך ברענגען אַ צרה אויפן כלל. ער האָט געפאָדערט פון דער יידישער באַפעלקערונג צו באַציען זיך לאָיאַל צום אָנגעקומענעם רויטן מיליטער און ניט נעמען ביי די רויטע אַרמייער קיין הויכע פרייזן. מיט דעם ענין האָט זיך באַלד פאַרנומען אויך דער גאַנצער ראַבינאַט. אויך סאָלידע סוחרים זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן די ספּעקולאַנטן.

נאָך לעבעדיקער איז געוואָרן מיטן ענין מיטינגען. שוין דעם 15 יולי האָט דער רעווקאָם איינגעאָרדנט אין שטאָטזאַל אַ מיטינג וועגן מאָמענט. דער זאַל איז געווען איבערפולט פון אַרבעטער, יידן און קריסטן. די באַגייסטערונג איז געווען גרויס. געעפנט דעם מיטינג האָט די פאָרשטייערין פון רעווקאָם, ח' **וויקטאָריאָ** (אַ פּוילישקע). ס'זיינען געהאַלטן געוואָרן פלאַמענדיקע רעדעס וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער סיטואַציע און וועגן די גרויסע נצחונות פון דער רויטער אַרמיי. ס'זיינען איבערגעגעבן געוואָרן הייסע באַגריסונגען דער רויטער אַרמיי פאַרן באַפרייען ווילנע.

נאָכדעם איז אַוועק אַ סעריע מיטינגען אָן אַ שיעור.

באַזונדערס גראַנדיאָז איז געווען די לוויה פון די געפאַלענע רויטע אַרמייער דעם 20 יולי.

**די פרייד פון די ליטווינער און זייער באַציאונג צו דער באַפעלקערונג.**—דער אַריינמאַרש פון די ליטווינער אין ווילנע האָט אַרויסגערופן אין ליטע אַ גרויסע שמחה. אַלע ליטווישע צייטונגען האָבן געווידמעט דעם דאָזיקן פאַקט התפעלותדיקע אַרטיקלען. אַלע האָבן זיי זיך געפילט גליקלעך, וואָס „דער הונדערטיאָריקער חלום פון דער ליטווישער געזעלשאַפט איז מקוים געוואָרן, וואָס ליטע האָט שוין פון איצט אָן איר געזעצלעכע אוראַלטע רעזידענץ, וואָס די ליטווינער האָבן צוריק באַקומען זייער ווילנע אָן בלוטפאַרגיסונג". זיי האָבן אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז פּונקט ווי זיי האָבן באַוויזן דורכצוקומען מיט רוסלאַנד, וועלן זיי אויך באַווייזן דורכצוקומען מיט פּוילן. די ליטווינער האָבן זיך אָבער אין זייער שמחה ניט פאַרגעסן. פון די רעכטסטע ביז די לינקסטע, סאָציאַליסטישע אָרגאַנען פון זייער פּרעסע האָבן מיט שאַרפן ווייטאָג פון האַרצן באַדויערט, וואָס דער

ווילנער רעווקאָם איז ניט מקיים דעם געגעבענעם צוזאָג צו פאַרלאָזן ווילנע תּיכּף ווי די סטראַטעגיע וועט עס ערלויבן און רעכנט אײַנגיכן צו ערקלערן אַ סאָציאַליסטישע פעדעראַטיווע ליטוויש־ווייסרוסישע ראַטן־רעפּובליק. דער „סאָציאַל־דעמאָקראַטאַס“ (קאָווגע) האָט אָנגעוויזן אויף דער ספּעציפישער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון ליטע, וואָס פאָדערט אַ „נאַטירלעכע אַנטוויקלונג אויפן וועג צום סאָציאַליזם, אַן אַנטוויקלונג פון די אינווייניקסטע כּוחות אַרויס, וואָס מוזן אָביעקטיוו און סוביעקטיוו רייף ווערן פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע“; „ביים איצטיקן מאָמענט אָבער, האָט ער געשריבן, וועט די אָנגעהויבענע פּאָליטיק פון די רעווקאָמען אין דער ליניע פון רעוויזיעס, קאָנפיסקאַציעס א. א. וו. בלויז צעשטערן די אָרימע ווירטשאַפט, פאַרגרעסערן די אַרבעטסלאָזיקייט, אַרויסרופן ביים כּלל אַ קאַמף אין ניט קיין געזונטע פאָרמען און סוף כּל סוף, ביים פאַרלאָזן ליטע, גורם זיין אַ פאַרשטאַרקונג פון דער רעאַקציע“. די ליטווינער האָבן כּמעט פּה־אחד ערקלערט, אַז זיי האָבן איין אויפגאַבע: אַרויסצווייזן גענוג פעסטקייט, אַסך טאַקט און ווידמען ווילנע אַ סך אַרבעט פאַר איר עקאָנאָמישן אויפבוי און קולטורעלן אויפבלי, כּדי זי זאָל זיי ליב באַקומען און כּדי אַז אפילו דער מינדסטער טייל פון דער ווילנער באַפעלקערונג זאָל ניט פאַרלאַנגען קיין פרעמדע, קיין שום אָקופּאַציע.

דער ליטווישער קאָמיטעט און די ליטווישע קאָמענדאַנטור. — דער ליטווישער קאָמיטעט, וואָס האָט עקסיסטירט זינט אַפּריל 1919, האָט אויף זונטאָג דעם 18 יולי 6 אַזייגער אין אָוונט צונויפגערופן אַן עקסטרע באַראַטונג. צו דער באַראַטונג זיינען איינגעלאַדן געוואָרן פאָרשטייער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן — פּאָליאַקן, ליטווינער, יידן, ווייסרוסן, רוסן און דייטשן. פון דער קהילה האָבן אָנטייל גענומען דריי פאָרשטייער: הרב רובינשטיין, ד״ר וויגאָדסקי און ה׳ א. קרוק, פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי ד״ר צ. שאַבאַד. די פאָרשטייער פון די יידישע אַרבעטער זיינען צו דער באַראַטונג ניט געקומען. אַחוץ די פאָרשטייער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן האָבן אויך אָנטייל גענומען דער לאַווניק קאַבאַטשניק און די 5 מיטגלידער פונם צייטווייליקן שטאָטישן קאָמיטעט, וואָס האָט אָנגעפירט די אַרבעט פון מאַגיסטראַט, פון וועלכן דער גרעסטער טייל מיטגלידער זיינען אַוועק פון ווילנע צוזאַמען מיטן פּוילישן מיליטער.

די זיצונג האָט געעפנט דער ליטווישער קאָמענדאַנט קורקאַוסקאַס. אין זיין רעדע האָט ער אָנגעוויזן, אַז ער האָט צונויפגערופן די זיצונג מיטן הסכּם פון דער קאָוונער רעגירונג, כּדי צו אָרגאַניזירן אַ צייטווייליקן מאַגיסטראַט און אויך צו באַטראַכטן די ברענענדיקסטע שאלות, ווי דהיינו דערנערונג, וואַלוטע, מיליציע. די רעדע האָט ער געהאַלטן אין ליטוויש און זי איז איבערגעזעצט געוואָרן אין פּויליש און רוסיש. די יידישע פאָרשטייער האָבן געמאָלדן, אַז הגם זיי וועלן שטענדיק פאָדערן איבערצוזעצן אין יידיש, דאָך וועלן זיי זיך באַנוגענען דאָס מאָל מיט די ערשטע צוויי איבערזעצונגען.

פאָרזיצער פון דער זיצונג איז געווען ד״ר אָלסייקאָ (דער דעמאָלטיקער פאָרזיצער פון ליטווישן קאָמיטעט), וועלכער איז אויסגעקליבן געוואָרן מיטן אַלגעמיינעם הסכּם. ער האָט נאָך אַמאָל ערקלערט, אַז לפי דעם שלום־אָפּמאַך גייט די גאַנצע מאַכט פון ווילנע אַריבער צו דער ליטווישער מלוכה, אַז דער היגער רעווקאָם איז נאָר אַ צייטווייליקער אָרגאַן און אַז די רוסישע חיילות מוזן נאָך דערווייל בלייבן אין ווילנע צוליב מיליטערישע טעמים און אַז זיי וועלן אײַנגיכן פאַרלאָזן ווילנע. נאָכדעם האָט דער פאָרזיצער אָנגעוויזן, אַז וועגן קלייבן אַ מאַגיסטראַט אויף דעמאָקראַטישע יסודות קען מען נאָך דערווייל ניט ריידן, נאָר אַלע נאַציאָנאַליטעטן קענען רעקאָמענדירן זייערע פאָרשטייער, וואָס וועלן באַשטעטיקט ווערן פון ליטווישן קאָמענדאַנט.



אַלע פאַרזאַמלטע האָבן אָנגעוויזן, אַז די פאַרזאַמלונג רעפּרעזענטירט ניט די גאַנצע באַפעלקערונג און דעריבער קען זי ניט קלייבן קיין שטאָטישן מאַגיסטראַט. נאָך לאַנגע וויכּוחים איז אָנגענומען געוואָרן, אַז דער צייטווייליקער מאַגיסטראַט דאַרף באַשטיין פון 12 מיטגלידער, צו 3 פון יידן און פּאָליאַקן, צו 2 פון ליטווינער און ווייסרוסן און צו 1 פון רוסן און דייטשן. דערביי איז אויך אָנגענומען געוואָרן, אַז פון די דרייאיקע מיטגלידער פון מאַגיסטראַט דאַרפן זיין פון די יידן און פּאָליאַקן צו 2 פאָרשטייער פון די אַרבעטער, פון די ליטווינער און ווייסרוסן צו 1 אַרבעטער־פאָרשטייער.

די פראַגן וועגן דערנערונג, מיליציע און וואַלוטע זיינען איבערגעגעבן געוואָרן צום באַטראַכטן אויף דער זיצונג פון נייעם מאַגיסטראַט. וועגן דערנערונג איז אָבער אָנגעוויזן געוואָרן, אַז עס מוז תּיכּף אָרגאַניזירט ווערן דער ענין פון באַקומען תּבואה פון ליטע, ווייל דער יקרות שטייגט פון טאָג, און אַז עס מוז געטאָן ווערן אַלץ, כּדי ס׳זאָל אָפּגעשטעלט ווערן יעדע רעקווי־זיציע פון פורן און פערד.

נאָך דער זיצונג האָט דער ליטווישער קאָמיטעט זיך געווענדט אין די צענטראַל־ביוראָען פון די קריסטלעכע און פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען וועגן שיקן פאָרשטייער אין דער צייטווייליקער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

די ליטווינער, אין דער פּערזאָן פונם ליטווישן קאָמיטעט, האָבן כּסדר געשטרעבט צו אַ התקרבות מיט אַלע נאַציאָנאַליטעטן אין ווילנע בכלל און מיט די יידן בפרט. דאָסגלייכן האָבן זיך די יידן אויך גענומען ביסלעכווייז אַלץ מער דערנעענטערן זיך צו די ליטווינער. דעם 22 יולי זיינען אויף אַ זיצונג פונם ליטווישן קאָמיטעט געקומען פאָרשטייער פון פאַרשיידענע ווילנער יידישע אָרגאַניזאַציעס: הרב רובינשטיין, ד״ר וויגאָדסקי, ד״ר שאַבאַד, ה׳ שעסקין און ה׳ שפּירא, און האָבן „אין נאָמען פונם רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג“ אויסגעדריקט ליטע די פרייד, וואָס זי האָט זיך דערוואָרבן די אומאָפּהענגיקייט און איר הויפּטשטאָט, וואָס הייסט ביי יידן ירושלים דליטא, און זיי האָבן אַרויסגעזאָגט אַ וואונטש צו אַרבעטן צוזאַמען לטובת ליטע, לטובת דעם גליק פון אַלע אירע גלייכבאַרעכטיקטע פעלקער. דער גרינדער און שטענדיקער פאָרזיצער פונם קאָמיטעט, מיקאָלאַס בירזשישקאַ, האָט זיי האַרציק געענטפערט, באַדאַנקט פאַרן מיטגעפיל און האָט באַמערקט, אַז די קאָוונער יידן אַרבעטן שוין דעם אַנדער יאָר צוזאַמען מיט די ליטווינער, האָבנדיק אַלע רעכט, און אַז די ווילנער יידן וועלן אָן ספק אויך אַרבעטן מיט זיי צוזאַמען.

דער ליטווישער קאָמיטעט (אויף גרויס־פּאָהוליאַנקע 24) האָט זיך ערנסט גענומען אָרגאַניזירן אַ שטאָטישע ציווילע מאַכט און די ליטווישע קאָמענדאַנטור (אויף געאָרג־פּראָספּעקט 3) האָט זיך גענומען איינפונדעווען און איינאָרדענען זיך אויף איר שטייגער. דער ליטווישער קאָמיטעט האָט געעפנט פאַרשיידענע אָפּטיילונגען, וואָס האָבן געזאָלט דינען אַלס קערנדלעך פון צוקינפטיקע פאַרוואַלטונגס־אָרגאַנען, האָט געעפנט אויך ביוראָען פאַר אינפאָרמאַציע, פאַר פאַרלאָזענע הייזער, דירות און אייגנטום, אַן אַרבעטס־ביוראָ, אויך אַ ביוראָ אויף אַרויסצוגעבן אַרויספאָר־שיינען קיין ליטע. דער ליטווישער קאָמענדאַנט פון ווילנע האָט באַקאַנט געמאַכט דעם הויפּט־אינטענדאַנט פון קאָוונע מיטן שווערן מצב פון ווילנע אינם פרט פון דערנערונג און האָט געזען משפּיע צו זיין אויף אים, ער זאָל אָננעמען אַלע מיטלען תּיכּף ומיד צוצושטעלן דער ווילנער באַפעלקערונג לעבנסמיטלען. ער האָט אויך געהאַט בדעה צו אָרגאַניזירן ביי דער קאָמענדאַנטור אַ בייראַט פון פאָרשטייער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס זאָלן צווישן אַנדערע ענינים אויך האָבן די פונקציע מיטצוהעלפן ביים איבערזעצן אַלע פאַראָרדענונגען און מודעות אין די אָרטיקע שפּראַכן. אָבער די צייט איז געווען אַן אומבאַשטימטע, די ליטווינער האָבן אַליין ניט געוואוסט, וואו זיי

האַלטן אין דער וועלט, און ס׳איז געבליבן בלויז אַ גוטער וואונטש.

ביי דער קאָמענדאַנטור איז געעפנט געוואָרן אַ פּאָסט=אָפּטיילונג און די באַפעלקערונג האָט ווידער באַקומען די מעגלעכקייט דורכצושרייבן זיך מיט קרובים און פריינד פון אויסלאַנד, פון אַמעריקע, פונוואַנען זי איז נאָכן פאַרנעמען ווילנע דורך די באָלשעוויקעס אָפּגעריסן געוואָרן. באַלד האָט די קאָמענדאַנטור איבערגענומען פונם קאָמיטעט די פונקציע אַרויסצוגעבן אַרויספאָר=שיינען קיין קאָוונער ליטע, און פון 5 באַגינען ביז 3 בייטאָג פלעגן טאָג=טעגלעך הונדערטער און אַפילו טויזנטער מענטשן באַלעגערן מיט די וואַקסנדיקע „עקן" דעם טראָטואַר אויף געאָרג=פּראָספּעקט 3. דאָס זיינען געווען מענטשן פון אַלע קלאַסן און שיכטן: ווער עס האָט פאַר זיין קאַפּיטאַל מורא געהאַט און האָט אים געוואָלט אַריבערפּעקלען קיין קאָוונע, ווער עס האָט אויף זיך עפּעס חטאים געפילט קעגן דער סאָוועטישער מאַכט און האָט זיך פון איר ראַטעווען געוואָלט, אָדער מחמת שנאה צו איר לשמה אין דער „ווייסער" ליטע געלאָפן; אויך היימלאָזע צי אַזוי אָרימע און אַרבעטסלאָזע מענטשן האָבן אין דער פרידלעכער, רואיקער און „זאַטער" ליטע געוואָלט געפינען אַן אַנטרינונג פון דער אומדערטרעגלעכער נויט און בייזן הונגער. האָט אָבער דער „אָסאָבאָטדיעל", וועלכער האָט אין ווילנע אויסגעפירט די פונקציעס פון דער „אויסעראָרדנטלעכער קאָמיסיע", גענומען חושד זיין די דאָזיקע אַלע „אַנטלויפער" אין „קאָנטער=רעוואָלוציאָניזם" און פלעגט שיקן פּאַטאָגראַפן אַראָפּצונעמען די „אָטשערעדן"... האָט ביי מאַנכע „בעלי=עברהניקעס" גענומען נעבעך ס׳האַרץ קלאַפּן, און מ׳האָט זיך מיטן פּנים צו דער וואַנט אומגעקערט, אָבער די „עקן" זיינען ניט קירצער געוואָרן... דער רוב האָט „שיינען" באַקומען און די „גליקלעכע" האָבן זיך געפילט ווי אויפן זיבעטן הימל... די „אָפּגעזאָגטע", פאַרקערט, פלעגן זיך אומקערן צוריק פון קאָמענדאַנטס קאַבינעט שוואַרץ ווי די ערד און פאַר׳יאושט.

די לאַגע אין שטאָט. — די ליטווינער האָבן געפּרובט נעמען זיך דאָ צו דאָס, דאָ צו יענץ, זיי האָבן זיך געוואָלט איינאָרדענען און איינפונדעווען, אָבער ס׳איז ביי זיי אַלץ געפאַלן פון די הענט.

דער רעווקאָם, געשטיצט אויף דער צייטווייליק פאַרברענגענדיקער רויטער אַרמיי אין ליטע, האָט זיך אַלץ מער באַפעסטיקט אין שטאָט און האָט געגלויבט, אַז די גאַנצע באַפעלקערונג איז אויף זיין צד און אַז ניט ווייט איז די צייט, ווען זי וועט אַנטקעגנקומען זיין שטרעבונג צו שאַפן אַ רויטע ליטע. דאָס איז אָבער ניט געשען. זיין פּאָליטיק און זיינע תּחבולות האָבן געפירט צום היפוך. דער יקרות איז מיט מוראדיק שנעלע טריט געשטיגן אַלץ העכער און די שאַרפסטע נויט און דער פירכטערלעכסטער הונגער האָבן געבראַכט דיזענטעריע און הונגער=טיפוס, וואָס האָבן אָנגעמאַכט שוידערלעכע פאַרוויסטונגען אין די ברייטסטע שיכטן פון דער אָרימער באַפעלקערונג. און דאָס גופא איז געוואָרן אַ גינסטיקער באָדן פאַר די אומגעלומפּערטסטע קלאַנגען, פאַר די ווילדסטע בילבולים אויף יידן — די אייביקע שולדיקע אין אַלע פורעניותן, וואָס ווערן אויסגעגאָסן אויף די פעלקער פון דער וועלט... ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָגראָם=אַגיטאַציע מצד געוויסע פינסטערע עלעמענטן אויף די גאַסן און אויף די מערק, אין אַלע ווינקעלעך, אפילו — אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי. ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער ליטוויש=קאַטוילישער ביסקופּ מאַטולעוויטש האָט געפונען פאַר נויטווענדיק צו האַלטן אַ דרשה אין קלויסטער „פון אַלע הייליקע" אויף רודניצקער גאַס. ער האָט גערופן די פוילישע מתפּללים, אַז זיי זאָלן זיך ניט צוהערן צו העצערייען פון פאַרשיידענע שלעכטע מענטשן און אַלס קינדער פון איין לאַנד זאָלן זיי לעבן בשלום מיט אַלע איבעריקע איינוואוינער פון אונזער



שטאָט אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט, אמונה און פּאַרטיי.

דער קאַמף פון די ליטווינער מיטן רעווקאָם. — ווי ס׳איז שוין דערמאָנט געוואָרן אין איינעם פון די פריערדיקע סעיפים, האָט דער ליטווישער קאָמענדאַנט געמאָלדן, אַז אויפן יסוד פונם ליטוויש=רוסישן שלום=טראַקטאַט געהערט די גאַנצע מאַכט דער ליטווישער רעגירונג, און דער רעווקאָם האָט געמאָלדן, אַז כּל=זמן די רויטע אַרמיי וועט מחמת סטראַטעגישע טעמים פאַרבלייבן אויף דער ליטווישער טעריטאָריע — געהערט די גאַנצע מאַכט צו אים. די שאלה איז אָבער געווען: ווען וועט אָנקומען דער מאָמענט, ווען ס׳וועלן זיך ענדיקן די סטראַטעגישע טעמים? די רויטע אַרמיי האָט זיך וואָס ווייטער גערוקט צו די גרעניצן פון פּוילן, זי האָט שוין פאַרנומען גראָדנע, זי האָט שוין אויך ביאַליסטאָק פאַרנומען, זי איז שוין אפילו אַריינגעדרונגען אין די גרעניצן פון עכטן פּוילן, — און דאָך האָט די סאָוועטישע מאַכט נאָך אַלץ ניט פאַרלאָזן ניט בלויז גראָדנע און לידע, נאָר אפילו ווילנע, וואָס איז לכל=הדעות שוין געשטאַנען מחוץ דער סטראַטעגישער זאָנע. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה אָנפראַגן פון ליטווינער ביים רעווקאָם וועגן קלאָר מאַכן דעם אמתן מצב=הענינים. בירזשישקאַ, דער פאָרזיצער פונם ליטווישן קאָמיטעט, איז אָן אויפהער אומגעפאָרן פון ווילנע קיין קאָוונע נאָך דירעקטיוון און פון דאָרטן צוריק קיין ווילנע וועגן אויפקלערונגען. אייבערשטע קאָמיסאַרן פון קאָוונער רעגירונג און דעלעגאַציעס פון קאָוונער סיים זיינען כּסדר געקומען קיין ווילנע צו רעגולירן די שאלה וועגן די באַציאונגען צווישן דער סאָוועטישער מאַכט און די ליטווינער. דער רעווקאָם האָט אַלעמאָל געגעבן באַרואיקנדיקע ערקלערונגען, — און דער וואָגן האָט זיך אַלץ ניט גערירט פון אָרט...

ביים ווילנער רעווקאָם האָבן פונקציאָנירט אַלע אָפּטיילונגען פון שטאָטישער זעלבסט=פאַרוואַלטונג: די אַדמיניסטראַטיווע אָפּטיילונג, די אָפּטיילונג פאַר אַרבעט און געזעלשאַפטלעכן שוץ, די אַפּראָוויזאַציע=אָפּטיילונג, די אָפּטיילונג פאַר שטאָטישער ווירטשאַפט, די אָפּטיילונג פאַר קולטור און בילדונג און די דירות=אָפּטיילונג. בכן איז פאַר דער ליטווישער מאַכט גאָרנישט געבליבן צו טאָן און דער גרעסטער טייל פון אירע קאַנצעלאַריעס האָבן געפּוסטעוועט. ס׳האָבן ניט געקענט דורכגעפירט ווערן אַפילו די באַשלוסן פון די ערשטע זיצונגען פון ליטווישן קאָמיטעט פאַר דערנערונג, וואַלוטע און מאַגיסטראַט.

ס׳איז אַרויס אַ ספּעציעלער באַפעל פון רעווקאָם, וואָס האָט פאַרווערט צו שאַפן וועלכע ס׳איז אָרגאַנען פון בירגערלעכער מאַכט אויף דער טעריטאָריע פון ווילנע און פון דער גאַנצער אומגעגנט אָן אַ פריערדיקער באַשטעטיקונג פון די געהעריקע מיליטערישע מאַכט=אָרגאַנען פון מערב=פראָנט. דער דאָזיקער באַפעל איז געווען געווענדט דירעקט קעגן די ליטווינער, וואָס האָבן געמאַכט דעם ערשטן פּרוב צו אָרגאַניזירן זייער מאַכט אין ווילנע. ס׳איז פאַרווערט געוואָרן אַלע ציווילע פּערזאָנען אַרויסצופאָרן פון שטאָט אָן אַן ערלויבעניש פון דער „באַזונדערער אָפּטיילונג". ס׳איז פאַרווערט געוואָרן אַרויסצוגעבן צייטונגען, זשורנאַלן און אויפרופן אָן דער ערלויבעניש פונם ווילנער רעווקאָם. אַלע דרוקערייען זיינען מחויב געווען — אונטער דער אחריות פון די בעלי=בתּים און פאַרוואַלטערס — זיך צו פאַררעגיסטרירן אין ווילנער רעווקאָם און צושטעלן די נייטיקע ידיעות וועגן דעם מצב פון דער דרוקעריי און וועגן דעם סכום פּאַפּיר פון אַלע מינים, וואָס האָט זיך געפונען אין דרוקעריי. ס׳איז פאַרווערט געוואָרן די באַוועגונג איבער די גאַסן פון שטאָט פון 1 ביינאַכט ביז 6 אינדערפרי אָן שיינען פונם סאָוועטישן שטאָט=קאָמענדאַנט. אַ פּוילישער מאַרק איז פאַררעכנט געוואָרן פאַר רוסישע (סאָוועטישע) 50 קאָפּיקעס. ווייטער איז די באַפעלקערונג פאַרפליכט

געוואָרן אָפּצוגעבן אַלע מינים געווער אין דער סאָוועטישער קאָמענדאַנטור פון שטאָט, און אַלע מיליטערישע אָנגעהעריקע פון דער פוילישער אַרמיי, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין שטאָט, האָבן זיך געמוזט מעלדן אין רשות פון דער קאָמענדאַנטור און מיטברענגען די כלי=זיין און די מיליטערישע זאַכן. די וואָס האָבן זיך ניט געמאָלדן, זיינען באַטראַכט געוואָרן ווי מיליטערישע שפּיאָנען, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן באַוואוסטזיניק, און זייער שטראָף איז געווען — טויט דורך דערשיסן. דיזעלביקע שטראָף האָבן אויך געדאַרפט באַקומען די, וואָס האָבן זיי באַהאַלטן. אַלע פאַרברעכנס קעגן די דאָזיקע פאַראָרדענונגען האָבן געדאַרפט באַשטראָפט ווערן לויט דער גאַנצער שטרענגקייט פון קריגס=רעוואָלוציאָנערער צייט. ס׳איז באַפוילן געוואָרן די פּראָפעסיאָנעלע און פּראָדוקציאָנעלע פאַראיינען אויסצוקלייבן אין אַלע האַנדלס=אינדוסטריעלע אַנשטאַלטן, וואו ס׳געפינען זיך ניט ווייניקער ווי 10 אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, פאַבריק=קאָמיטעטן, וואָס מוזן תיכּף צוטרעטן צו רעגיסטרירן דעם גאַנצן אייגנטום פון די פאַבריקן, פאַרשיידענע אונטערנעמונגען, סקלאַדן, קראָמען א. אַז. וו. דער מיליציע און די רעווקאָמען פון די אויעזדן און פאַראַפיעס איז באַפוילן געוואָרן תיכּף צו אַרעסטירן אַלע פּריצים, וואָס זיינען געבליבן אין זייערע הויפן אָדער באַהאַלטן זיך אין די שטעט און דערפער. אין אַלע האַנדלס=אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען איז איינגעפירט געוואָרן דער 8=שעהדיקער אַרבעטס=טאָג, וואָס קאָן פאַרגרעסערט ווערן נאָר אין מיליטערישע אונטערנעמונגען. ביי אייניקע אַרבעטן האָט מען געמעגט פאַרלענגערן דעם אַרבעטס=טאָג אויף 2—4 שעה בתנאי, אַז פאַר די איבער=שעה׳ן זאָל באַצאָלט ווערן אָנדערהאַלבן מאָל אַזוי פיל. מינדעריאָריקע ביז 18 יאָר האָבן געמעגט אַרבעטן ניט מער ווי 6 שעה. קיין איבער=שעה׳ן איז פאַר זיי בשום אופן ניט ערלויבט געוואָרן. דער אַרבעטס=טאָג אין די סאָוועטישע אָרגאַנען האָט געקענט זיין ניט ווייניקער ווי 7 שעה פאַר אַלע קאַטעגאָריעס אָנגעשטעלטע. ס׳איז אויך באַפוילן געוואָרן אַלע בירגער אומצוקערן אַלע אָנגעראַבירטע סחורות, דער עיקר לעבנסמיטלען, וואָס האָבן פריער געהערט דער פוילישער מאַכט אָדער פּריוואַטע פּערזאָנען. מחמת אַ קריזיס אין פּאַפּיר זיינען, לויט אַ באַפעל, אלע זאַפּאַסן פון כל המינים פּאַפּיר אַריבערגעגאַנגען אין רשות פון ווילנער רעווקאָם. קיין פּריוואַטע פּערזאָן האָט ניט געהאַט קיין רעכט אָן דער ערלויבעניש פון רעווקאָם אַריבערצופירן פּאַפּיר=זאַפּאַסן פון איין אָרט אויפן אַנדערן, ווי אויך צו פאַרקויפן מער ווי צוויי בויגנס פאַר אַ פּריוואַטער פּערזאָן. פאַרברויכן פּאַפּיר אויף צייטונגען, בראָשורן איז אָן דער ערלויבעניש פון רעווקאָם פאַרווערט געווען אַפילו סאָוועטישע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. אונטער אַ שטראָף איז אויך פאַרווערט געוואָרן צו באַהאַלטן פּאַפּיר. ס׳איז פאַרווערט געוואָרן אויך דער פאַרקויף פון לעדערוואַרג. לעדער=סחורות, וואָס זיינען ניט פאַררעגיסטרירט געוואָרן, האָט מען קאָנפיסקירט און די אייגנטימער איבערגעגעבן צום געריכט פון טריבונאַל. אַלע פייער=שראַנקען האָבן געמוזט פאַררעגיסטרירט ווערן. די דאָרפישע אַרבעטער זיינען מחויב געווען אויסצוקלייבן אַרבעטער=קאָמיטעטן, וואָס האָבן געדאַרפט רעגיסטרירן די פּריצישע און פּריוואַטע בעל=הבתישע ערד, וואָס ווערט באַאַרבעט דורך געדונגענע אַרבעטער, דעם לעבעדיקן און טויטן אינווענטאַר, די זאַפּאַסן תבואה, זריעה און אַנדערע דאָרפישע בעל=הבתישקייטן.

אַזוינע באַפעלן, פאַר זיך אפשר גאַנץ נייטיקע, האָבן זיך טאָג=טעגלעך געשאָטן איינער נאָכן אַנדערן, — און דער פועל=יוצא איז געווען זייער אַ טרויעריקער פאַר דער ווירטשאַפט פון דער אָרימער אָקופּירטער ליטע.

אונטער די דאָזיקע אַלע באַפעלן זיינען אַלע מאָל, כמעט אָן אַ יוצא מן הכלל, געווען אונטערגעשריבן: פאָרזיצער פון קריגס=



רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט וו. ג. מוקלעוויטש, מיטגלידער: ז. אַלעקסאַ=אַנגאַרעטיס און ק. ציכאָווסקי. אַנגאַרעטיס איז אַ ליטווינער און די איבעריקע צוויי — פּאָליאַקן.

די ליטווינער בכלל און די פאָרשטייער פון דער ליטווישער מאַכט בפרט זיינען געווען טיף אויפגעבראַכט פון דער פּאָליטיק, וואָס דער ווילנער רעווקאָם האָט געפירט. אין זייערע צייטונגען האָבן זיי געשריבן פאַרביטערטע אַרטיקלען, אָבער דאָך איינגעהאַלטן, מיט פאַרביסענע ליפּן. נאָר ביי איין ליטווישער צייטונג, „נעפּריקלאָיסאָמאָי לעטובאַ“ (אומאָפּהענגיקע ליטע), וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין ווילנע, האָט זיך איין מאָל אַרויסגעריסן אַ התראה: „ס׳איז אַ גוטער סימן, וואָס אין ווילנע קומען טאָג=טעגלעך נייע און נייע ליטווישע אָפּטיילונגען. די פרעמדע כּוחות זיינען דאָ ניט גרויס און פאַר די ליטווינער וועט זיין ניט שווער זיי צו באַזייטיקן, ווייל אָן אַ באַדערפעניש וועט די איצטיקע מאָסקווע ניט וועלן קריגן זיך מיט ליטע, כּל=זמן די מלחמה מיט פוילן געדויערט נאָך און עס איז ניט באַוואוסט, ווער עס וועט מנצח זיין. די כּוחות פון ליטע זיינען ניט גרויס, אָבער זיי וואָלטן איצט געקענט שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דעם גורל פון די קעמפנדיקע פעלקער, הגם ליטע אַליין קאָן דערפון שטאַרק ליידן פון וואַרשע און מאָסקווע. די ליטווישע רעגירונג פאַרשטייט דאָס גאַנץ גוט און וויל זיך ניט מישן אין סלאַווישע ענינים, נאָר אויב וואַרשע אָדער מאָסקווע וועלן פּרובן מאַכן אַן אַטענטאַט אויף אונז און וועלן אונז ווייטער כאַפּן פאַרן האַלז, וועלן זיך געפינען די געהעריקע מיטלען זיי אָפּצוּוואַרפן“.

די ליטווינער האָבן פאַר מורא די דאָזיקע מיינונג באַלד ערקלערט פאַר אַ פּריוואַטע און ניט אָפיציעלע.

בירזשישקאַ אין זיין אָרגאַן אין פויליש, „עכאָ ליטווי“, האָט ניט אויפגעהערט אָנצווייזן דער סאָוועטישער מאַכט אין ווילנע, אַז ליטע היט אָפּ און וועט אָפּהיטן נייטראַליטעט אין דער מלחמה צווישן ראַטן=רוסלאַנד און פוילן, און האָט איר כּסדר מיט אַ פאָרוואורף דערמאָנט, אַז זי היט ניט אָפּ דעם מאָסקווער שלום=טראַקטאַט, אַז זי האָט שוין לאַנג געדאַרפט פאַרלאָזן די אָקופּירטע ליטווישע טעריטאָריע, אָבער זי טוט עס ניט, זי איז עובר אויפן אָפּמאַך, וואָס זאָגט קלאָר און דייטלעך, אַז „ביידע פעלקער זיינען זיך מתחייב ניט צו פירן קיין אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַ מלוכה=איבערקערעניש איינער ביים אַנדערן“.

בירזשישקאַ איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז דער גאַנצער רעווקאָם איז בלויז אַ אָרטיקע אינסטיטוציע און ס׳איז אַ ספק, צי די צענטראַלע רוסישע מאַכט איז אינגאַנצן אינפאָרמירט וועגן דעם, וואָס דאָ אין ווילנע קומט פאָר: „ס׳איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז וויבאַלד דער שלום=טראַקטאַט איז שוין אונטערגעשריבן געוואָרן, הגם נאָך ניט ראַטיפיצירט, איז ער מחייב ביידע צדדים אונטערצוּוואַרפן זיך די פּונקטן זיינע. דער שלום=טראַקטאַט וועט אינגיכן ראַטיפיצירט ווערן אין ליטווישן סיים, און צוגלייך אויך אין רוסישן צ. א. ק. (צענטראַלער אויספיר=קאָמיטעט) און נאָכדעם וועט פאָרקומען דער חילוף פון ביידע טראַקטאַטן, וואָס וועט מאַכן אַ סוף צו אַלע אומפאַרשטייענישן, פאַלשע קלאַנגען וכדומה“.

די ליטווישע געזעלשאַפט האָט געגלויבט אין דער ערלעכקייט פון דער רוסישער סאָוועטישער צענטראַלער רעגירונג און אין איר אויפריכטיקייט בנוגע אָפּהיטן אירע התחייבותן לפי דעם געשלאָסענעם אָפּמאַך מיט ליטע; זי האָט געגלויבט, אַז דורך אַ ישוב=הדעת צווישן ביידע צענטראַלע רעגירונגען וועט זיך געוויס איינגעבן אויסצומיידן אַלע סיכסוכים. די אומקלאָרע לאַגע האָט זיך געווענדט אָן דעם מצב אויפן פראָנט. ציכאָווסקיס ווערטער, אַז מ׳דאַרף אויסנוצן די צייטווייליקע אָקופּאַציע פון ווילנע אויף אַיינצושטעלן דאָ אַ סאָוועטישע מאַכט, האָבן די ליטווינער אָנגענומען פאַר אַ פּערזענלעכער מיינונג פון אַ מיטגליד פונם אָרטיקן

רעוואָקאָם, אָבער ניט פון מאָסקווע. כל־זמן די רויטע אַרמיי פאַרבלייבט אין היגן קאַנט, גייען אַלע באַפעלן אַרויס פון דער מיליטערישער מאַכט. אויב די פאָרשטייער פון דער מיליטערישער מאַכט וואָלטן ערקלערט, אַז דער רעוואָקאָם איז איר אָרגאַן, וואָלטן די ווילנער ליטווישע אָרגאַניזאַציעס געוויס געפאָלגט די באַפעלן פון רעוואָקאָם, כדי אויסצומיידן סיכסוכים. ס'איז אָבער ניט געווי־דערקלערט געוועזן דעם רעוואָקאָמס מאַנדאַט פון מאָסקווע. דער גאַנצער סיכסוך איז אייגנטלעך געווען נאָר וועגן דער ציווילער מאַכט אין ווילנע, וואָס האָט, לויט דער מיינונג פון די ליטווינער, געדאַרפט געהערן דער ליטווישער רעגירונג.

דאַן האָט דער ליטווישער מיניסטער פאַר אויסלענדישע ענינים, ד״ר פוריצקאַס, אַרויסגעשיקט קיין מאָסקווע אַ דעפּעש, וואו ער האָט אָנגעוויזן, אַז כדי אויסצומיידן קאָנפליקטן, וואָס קענען אַרויסקומען צווישן די רוסן און ליטע, און אויך כדי צו רעגולירן דעם מצב־הענינים אויף דער צייט, וואָס די רוסן געפינען זיך אין ליטע אין די ערטער פון דער געוועזענער פוילישער אָקופּאַציע, געפינט די ליטווישע רעגירונג פאַר נויטווענדיק: 1) אַז די רוסישע חיילות זאָלן ניט אַריבערגיין די דעמאַרק־ליניע, וואָס דאַרף באַשטימט ווערן דורך די מיליטערישע קאָמאַנדעס פון ביידע מלוכות; 2) אַז דאָרטן, וואו ס'געפינען זיך רוסישע חיילות, זאָל די גאַנצע ציווילע אַדמיניסטראַציע זיך געפינען אין רשות פון דער ליטווישער רעגירונג; 3) אַז די רוסן זאָלן פאַרנעמען נאָר די קאָמוניקאַציע־ליניעס, די מיליטערישע סקלאַדן, הייזער, וואָס זיינען דירעקט נייטיק צוליב מיליטערישע טעמים; 4) אַז די רוסישע מיליטערישע מאַכט זאָל זיך ניט מישן אין די ענינים פון דער אַדמיניסטראַציע פון דער ליטווישער רעגירונג; 5) אַז די רוסן זאָלן ניט מאַכן קיין שום רעקוויזיציעס; 6) אַז דאָס רוסישע מיליטער זאָל צאָלן די איינוואוינער פון דער ליטווישער מלוכה די פרייזן פון דער צייט, אויך צאָלן פאַר אַלע אַרבעטן, דירה, פּראָדוקטן א. אַז. וו.

די ליטווישע רעגירונג האָט אַרויסגעזאָגט איר זיכערקייט, אַז די דאָזיקע אַלע תנאים קענען אָנגענומען ווערן און אַז דאָס אָננעמען זיי וועט שאַפן די מעגלעכקייט אויסצומיידן קאָנפליקטן צווישן ביידע מלוכות.

נאָכדעם זיינען אַוועק קיין ריגע ליטווישע פאָרשטייער פון קאָוונע (נאַרושעוויטשיוס און אַדוו. ש. ראָזענבוים), כדי דורכצוריידן זיך וועגן דעם ענין מיט אַדאָלף יפה'ן. אַן אַנדער ליטווישע דעלעגאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון פראָפ. וואַלדאַמאַראַס און ד״ר אַלעקנאַ, איז געקומען קיין ווילנע און האָט געהאַט אַ שמועס מיטן פאָרזיצער פון רעוואָלוציאָנערן מיליטערישן קאָמיטעט מעזשלאַוק (אַ לעט), וואָס איז געווען קאָמאַנדיר איבער אַלע מיליטערישע אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן אָפּערירט אויפן רעכטן באָלשעוויסטישן פליגל. דער שמועס איז געווען וועגן דעם, ווען וועלן די רוסן פאַרלאָזן ווילנע, און אויך וועגן אַנדערע פראַגן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו דעם פון די באָלשעוויקעס פאַרנומענעם געביט. צום סוף האָבן די ליטווינער באַקומען אַ באַרואיקנדיקן ענטפער, אָבער פאַקטיש האָט זיך דער מצב ניט געענדערט.

דאָס לעבן אין שטאָט איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ שווערער און די אָרטיקע צייטונגען האָבן אָנגעוויזן אויף דעם קאַטאַסטראָפאַלן מצב פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג, וואָס קומט אום פון הונגער און עפּידעמיעס; האָבן אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז די פאָרשטייער פון דער ראַטנמאַכט אין ווילנע טאָרן זייער אַרבעט ניט פירן לויטן רוסישן שאַבלאָן, וואָרום דערפון קאָנען קודם־כל ליידן דווקא די ברייטע אַרבעטער־מאַסן, און אַז אַלץ דאַרף געטאָן ווערן לויט אַ פאַרשטענדיקונג מיט די היגע געזעלשאַפטלעכע כוחות, וואָס מוזן אויפן ברייטסטן אופן אויסגענוצט ווערן און צוגעצויגן ווערן צו דער אַרבעט פון לינדערן די נויט; אַז מ'דאַרף מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט באַציען זיך צו אַלע שריט, וואָס קענען אונטערהאַקן די וואָרצלען פון דעם ביזאַהעריקן עקאָנאָמישן לעבן; אַז עס מוז דערלויבט ווערן דער פרייער האַנדל, כדי די פויערים פון דער אומגעגנט זאָלן ברענגען זייערע פּראָדוקטן אין שטאָט אַריין און עס זאָל פּלאַצן דער יקרות, וואָס דריקט אַזוי שווער די אָרימע מאַסן, און די פאַרשיידענע האַנדלס־אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען דאַרפן ווייטער האָבן די מעגלעכקייט צו פונקציאָנירן, כדי עס זאָל זיך ניט אָפּשטעלן דאָס ביסלעכע פּראָדוקציע פון אונזער קאַנט און די אַרבעטער זאָלן ניט פאַרלירן זייער באַשעפטיקונג. די צייטונגען האבן געפאָדערט צוטרוי צו די היגע כוחות, פאָרזיכטיקייט ביי אַלע נייע איינפירן און רעכנשאַפט מיט די באַדינגונגען פון טאָג.

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז עס זיינען פאַרמאַכט געוואָרן די צייטונגען „נעפּריקלאָיסאָמאָי לעטובא״, „עכאָ ליטווי״ און דער „טאָג״. דער רעדאַקטאָר פון „עכאָ ליטווי״, בירזשישקאַ, איז געוואָרן אַרעסטירט און אַוועקגעזעצט אין לוקישקער טורמע פאַר אַן אַרטיקל, וואו ער האָט געלויבט די רויטע אַרמיי און ניט גוט אויסגעדריקט זיך וועגן „טיל״.

**די עוואַקואַציע.**—דאָס סאָוועטישע רוסלאַנד איז אָבער געווען פאַראינטערעסירט אין שלום מיט ליטע און מ'האָט געדאַרפט דעם שלום ראַטיפיצירן. האָבן זיך אין קאָוונער גרינדונגס־סיים אָנגעהויבן שטורימדיקע וויכוחים אַרום דער ראַטיפיקאַציע. די שטימונג איז געווען אַן אויפגערעגטע. אַפילו די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציע, וואָס האָט נאָך מיט פינף חדשים פריער דורכאויס געפאָדערט אַ שלום מיטן האָרעפּאַשנעם רוסלאַנד, האָט געמאָלדן, אַז אַזוי ווי דער מצב איז איצט, איז אוממעגלעך צו ראַטיפיצירן דעם שלום. דאָס איז אוממעגלעך, ביז עס וועט ניט קלאָר ווערן די פּאָזיציע פון רוסלאַנד צו איר אָקופּאַציע אין ליטע. דעם שלום וועט מען קענען ראַטיפיצירן גלייך, ווי דאָס רוסישע מיליטער וועט פאַרלאָזן די ליטווישע טעריטאָריע.

די לינקע ס. ד. האָבן געמאָלדן, אַז זיי זיינען איבערצייגט, אַז דאָס סאָוועטישע רוסלאַנד מיינט ערנסט מיט איר שלום־אָפּמאַך מיט ליטע. אויב די באָלשעוויקעס וואָלטן געוואָלט נעמען ליטע, וואָלטן זיי דאָס אָפן געזאָגט, דעריבער דאַרף מען ראַטיפיצירן דעם שלום און די באָלשעוויקעס וועלן געוויס פאַרלאָזן ווילנע.

צום סוף איז אין פרינציפּ אָנגענומען געוואָרן צו ראַטיפיצירן דעם שלום.

אויך אויפן אַלרוסישן צוזאַמענפאָר פון די ראַטן איז ערנסט באַהאַנדלט געוואָרן די שאלה וועגן ראַטיפיצירן דעם שלום.

דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די עוואַקואַציע פון ווילנע. מ'האָט אַרויסגעפירט לעבנסמיטלען, לעדער, מאַנופאַקטור און רויכוואַרג, פאַבריק־מאַשינען און פאַבריקאַטן, דרוק־מאַשינען, די לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען פונם איינציקן גרויסן סקלאַד פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען אין ווילנע און אַנדערע נייטווענדיקסטע זאַכן, ווי אויך דעם נאָטאַריאַלן אַרכיוו.

די ליטווישע קאָמענדאַנטור האָט זיך געקלאָגט אין דער ניי־געגרינדעטער רוסיש־ליטווישער קאָמיסיע, וואָס איר פאָרזיצער איז געווען ח' משה ראַפּעס (מיטגליד פון צ. ק. פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי), אַז אַזאַ עוואַקואַציע וועט אינגאַנצן פאַרוויסטן דאָס אַזוי אויך חרוב'ע לאַנד, אַז עס וועט ניט זיין מיט וואָס די פאַבריקן צו עפענען, מיט וואָס די פעלדער צו באַאַרבעטן, אָבער אַלע טענות זיינען געבליבן אָן אַ רעזולטאַט.

צוזאַמען מיט דער עוואַקואַציע האָבן ניט אויפגעהערט די אַרעסטן און אפילו טויט־שטראָפן. די ערשטע טויט־שטראָפן זיינען נאָך אויסגעפירט געוואָרן אין די ערשטע טעג פון דער באָלשעוויסטישער ממשלה:

לויטן באַשלוס פונם אויסעראָרדנטלעכן פעלד־געריכט, זיינען דעם 23 יולי דערשאָסן געוואָרן אין ווילנע: 1) סיגיזמונד

סענקעוויטש, אַן אַדעליקער, „פאַר פּראָוואָקאַטאָרישער טעטיקייט און דירעקטן אָנטייל אין דערשיסן קאָמוניסטן"; 2) באָלעסלאַוו ווילימאָוויטש, הויזאייגנטימער, „פאַר באַהאַלטן געווער מיט אַ בייזער כוונה"; 3) אַדאָלף יאַקימאָוויטש, געוועזענער קאָמיסאַר פון אַ פּאָליציי=צירקל אין דער פּוילישער צייט; 4) נאַאומענקאָ, אַ געוועזענער מיטגליד פון „וואָיענקאָם" און לעצטנס אַקטיווער מיטגליד פון דער פעלד=זשאַנדאַרמעריע. לויטן באַשלוס פון ווילנער „אָסאָבאָטדעל" זיינען דעם 21 אַווגוסט דערשאָסן געוואָרן: 1) אַנטאָן מאַרטינאָוויטש נאָוויצקי, אַדעליקער—לאַנדבאַזיצער, „פאַר אַקטיוון קאַמף קעגן די באָלשעוויקעס"; 2) יוזעף מיכאַילאָוויטש קאָטשאַנאָווסקי „פאַר געהערן צו פּ. אָ. וו. און שפּיאָנאַזש צום שאָדן ראַטן=רוסלאַנד"; 3) וואַסילי איגנאַטיעוויטש קערקוק, אַ געוועזענער שעף פון ראַטן=מיליציע, „פאַר שוחד און אויספּרעסונג"; 4) שלמה בן משה שטיינבערג—„ווייסגוואַרדייאישער שפּיאָן"; 5) מיכאַאיל אוסטינאָוויטש פּאַטשקאָווסקי, „פאַר פרייוויליקן אַריבערגיין פון רויטער אַרמיי אין פּוילישער און פאַרן פייניקן אין לאַגער קריגס=געפאַנגענע רויטע אַרמייער". (אַחוץ די דאָזיקע ניין, זיינען געטויט געוואָרן נאָך אייניקע מענטשן, אָבער ס'האָט זיך דעם מחבר ניט איינגעגעבן צו בּאַקומען די דאָקומענטן מיט די נעמען).

פון דער אַנדער זייט האָבן אַגענטן פון דער ליטווישער רעגירונג אַרעסטירט באַפולמעכטיקטע פון די רעווקאָמען אין טראָק, סווענציאַן, קאָמאַראָוו און פּאָדומבלע און געהרגעט דעם פּאָרזיצער פ'ן לאַנדוואָראָווער רעווקאָם ח' מאָראָזאָוו.

דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַ פאַרפּלאָנטערטן סיכסוך און גורם געווען קעגנזייטיקע באַשולדיקונגען, אָבער די „פאַרשטענדיקונגס=קאָמיסיע" האָט סוף=כל=סוף געלונגען ערליידיקט דעם גאַנצן קאָנפליקט בנוגע די אַרעסטירטע פון ביידע צדדים און בנוגע דעם געהרגעטן מאָראָזאָוון, ווי אויך אַלע אַנדערע רוסיש=ליטווישע סיכסוכים, למשל, וועגן דער עוואַקואַציע און רעעוואַקואַציע.

די ליטווינער האָבן זיך גענומען ענערגיש אָרגאַניזירן זייער מאַכט אין שטאָט, אָבער נאָך אַלע זייערע אָנשטרענגונגען זיינען זיי פּאָרט געוועזן זייער שוואַך, און די פּראָטעסטן פון דער ליטווישער רעגירונג זיינען געבליבן אַ קול=קורא במדבר. דער פאַרעקשנטער געראַנגל פון דער ליטווישער דעלעגאַציע אין דער פאַרשטענדיקונגס=קאָמיסיע האָט ניט אויפגעהערט טאָג=איין טאָג=אויס—און עס האָט ניט אויפגעהערט די עוואַקואַציע לויט אַלע דינים פון עוואַקואַציע=צייט. אמת, אין אַ גאַנצע ריי פאַלן איז די ליטווינער געלונגען מציל צו זיין דעם אָדער יענעם מוסד, געניטער גערעדט, זיין פאַרמעגן, די אָדער יענע פערזאָן, אָדער צו שטערן אַ וועלכע=ס'איז געפלאַנטע תחבולה, אָבער בכלל האָט זיך געשאַפן זייער און זייער אַ שווערער מצב.

פונקט ווי אין משך פון די פיר וואָכן ביז דער עוואַקואַציע, אַזוי אויך אין די צוויי וואָכן עוואַקואַציע האָט זיך די ליטווישע קאָמענדאַנטור תמיד געהאַלטן אויף דער וואַך, כדי ניט בלויז ניט אַריינצופאַלן אומגעריכט אין אַ נעץ, נאָר אויך בכלל ניט צו געבן קיין אויסרייד יענעם צד צו באַשולדיקן אין עובר זיין אויף דער נייטראַליטעט. ליטע האָט ניט געבראָכן דעם אָפּמאַך און האָט שטרענג אויסגעהאַלטן איר נייטראַליטעט. זי האָט ניט געבראָכן די נייטראַליטעט אַפילו אין דער צווייטער העלפט אַווגוסט, ווען דער מיליטערישער מצב=העניינים אויפן פּויליש=רוסישן פראָנט האָט זיך געענדערט לרעה פאַר די באָלשעוויקעס און ווען ס'האָט זיך גענומען רוקן אַ סכנה אויף די ליטווינער מצד די פּאָליאַקן. די ליטווישע רעגירונג האָט דערשפּירט די מעגלעכקייט פון אַ קאַטאַסטראָפע אויך פון איינוויניק, און איר קאָמענדאַנטור אין ווילנע האָט אָנגענומען די געהעריקע מיטלען און האָט ענערגיש אַ פּאָדער געטאָן פון רעווקאָם די פאַרגיכערונג פון דער ענדגילטיקער עוואַקואַציע.





## II. ווילנע—ליטע.

דעם 25 אַווגוסט 1920.—די ליטווינער האָבן זיך דערוואוסט, אַז עס גרייט זיך אין ווילנע אַן אַקציע, וואָס האָט געקענט צונישט מאַכן אַלע ליטווישע האָפענונגען אויף ווילנע, און זיי האָבן גענומען קאָנצענטרירן זייערע חיילות אַרום ווילנע, אַזוי אַז אין משך פון 24 און 25 אַווגוסט 1920 האָבן זיי אַרומגענומען ווילנע ווי אַ רינג און האָבן באַלד פאַרנומען אויך די שטאָט. דער רעווקאָם האָט געמוזט מסכים זיין מיט די ליטווישע באַווייזן און האָט דעם 27 אַווגוסט לגמרי פאַרלאָזן ווילנע.

דעם 25 אַווגוסט איז אַרויס דער ערשטער באַפעל פון ליטווישן קאָמענדאַנט קורקאַוסקאַס מיט דער מעלדונג וועגן דעם, אַז מהיום והלאה איז ווילנע אין רשות פון דער ליטווישער מאַכט. דעם אייגענעם טאָג איז איבער דער שטאָט פונאַנדערגעקלעפּט געוואָרן אויך אַ באַפעל פון דער ליטווישער רעגירונג, וואָס איז דאַטירט געווען: קאָוונע, 13 יולי 1920, און אונטערגעשריבן: אַ. סטולגינסקאַס (ממלא=מקום פון פּרעזידענט פון דער רעפּובליק און פּאָרזיצער פון גרינדונגס=סיים), ד"ר א. גריניוס (פּאָרזיצער פון מיניסטאָרן=קאַבינעט) און זשוקאַס (מיניסטער פון דער פאַרטיידיקונג פון לאַנד און ממלא=מקום פון אויבערקאָמאַנדיר). דאָס איז דער טעקסט פון דעם דאָזיקן באַפעל:

„אויפן יסוד פון § 1 פון די אויסעראָרדנטלעכע געזעצן וועגן פאַרטיידיקן די מלוכה ווערט אויסגערופן קריגס=צושטאַנד אויף דער טעריטאָריע פון ליטע, וואָס איז באַפרייט געוואָרן פון דער פּוילישער אָקופּאַציע. זינט דעם טאָג פון דעם דאָזיקן געמאָלדענעם באַפעל גייען אויף דער באַפרייטער טעריטאָריע פון ליטע אַריין אין קראַפט די אויסעראָרדנטלעכע געזעצן וועגן דער פאַרטיידיקונג פון דער מלוכה".

די ערשטע איינדרוקן, פלענער און אויפטוען.— אַ מאָדנע רואיקייט איז אויף דער שטאָט אַרויף. די גאַנצע לעצטע דריי חדשים האָט די שטאָט געלעבט אין אַ צושטאַנד פון אַ דריקנדיקער אָנגעשטרענגטקייט. די יידישע באַפעלקערונג בכלל האָט געזיפצט און געלעכצט נאָך די ליטווינער, און די פּוילישע—נאָך די פּאָליאַקן. „ווען וועלן שוין אַמאָל קומען די ליטווינער?" האָט מען אויף שריט און טריט געהערט פון יידן; „ווען וועלן שוין צוריק קומען די פּאָליאַקן?"—האָבן די פּוילישע געפרעגט. איצט, אַז די ליטווינער זיינען געוואָרן די בעלי=בתים פון שטאָט, האָבן זיך כמעט אַלע, אַפילו די קעגנער, מיט אַמאָל באַרואיקט. די געשפּאַנטקייט איז מיט אַמאָל ווי ניט געוואָרן. כמעט אַלע האָבן פרייער אָפּגעעטעמט. די שטאָט האָט אויפגעלעבט. די געשעפטן האָבן זיך געעפנט, ס'האָבן זיך מיט אַמאָל באַוויזן כל המינים שפּייז=פּראָדוקטן, כל המינים סחורות,—די מערק, די פּלעצער און די גאַסן זיינען מיט אַמאָל באַלעבט געוואָרן.

דעם 26=טן אַווגוסט, 8 אַזייגער אין אָוונט לויט דער אָרטיקער צייט, האָבן די ליטווינער אויפגעהאַנגען אויפן שלאָסבאַרג זייער דרייפאַרביקע פאָן און האָבן דערביי געמאַכט אַ סאַלוט פון האַרמאַטן. פרייטאָג, דעם 27, איז אין אָוונט אַריין אין שטאָט אַ ליטווישער פּאָלק און מ'האָט ווייטער סאַלוטירט לכבוד אים פון האַרמאַטן. די באַפעלקערונג האָט דאָס ניט געוואוסט און האָט זיך שטאַרק איבערגעשראָקן פון די אומגעריכטע שאָסן. פאַר אירע אויגן האָט שוין ווידער גענומען שוועבן אַ געפאַר, אָבער באַלד האָט זי זיך דערוואוסט די אמתע סיבה און האָט זיך באַרואיקט.

דעם זעלביקן אָוונט פון 27 אַווגוסט זיינען מיט אַ ספּעציעלן צוג פון קאָוונע קיין ווילנע געקומען צו פאָרן דער מיניסטער פון פאָלקס=פאַרטיידיקונג זשוקאַס, דער מיניסטער פון פאָלקסבילדונג ק. ביזאַוסקאַס, דער דירעקטאָר פון וועג=מיניסטעריום גרינקעוויטש, אין דער באַגלייטונג פון די העכערע מיליטערישע

און ציווילע באַאַמטע און פון פאָרשטייער פון דער פּרעסע. באַלד זיינען קיין ווילנע געקומען די ערשטע צוויי צוגן פון לאַנדוואָראָוואָ און ניי=סווענציאַן.

דער בילדונגס=מיניסטער האָט באַשלאָסן תּיכּף=ומיד צו עפענען אין ווילנע אַ מיטל=שול, דערווייל מיט די ערשטע פיר קלאַסן. די אונטערריכטס=שפּראַך האָט געדאַרפט זיין ליטוויש, אָבער פאַר די וואָס קענען ניט קיין ליטוויש וועט מען איינפירן די שפּראַך לויט זייער פאַרלאַנג.

ס'איז געקומען צו פאָרן דער מיניסטער פאַר ווייסרוסישע ענינים און האָט אָנגעהויבן אַ רעגיסטראַציע פון די ווייסרוסן.

נאָכן אַוועקגיין פון דער רויטער אַרמיי איז אין ווילנע פאַרבליבן די רעעוואַקואַציע=קאָמיסיע.

די רוסישע דעלעגאַציע האָט באַלד איבערגעגעבן די רשימה פון די אַרעסטירטע ליטווישע בירגער, כּדי זיי צו באַפרייען, לכּי דעם הסכּם פון דער געמישטער ליטוויש=רוסישער קאָמיסיע. די פראַגע וועגן די ליטווישע בירגער, וואָס זיינען אַרעסטירט געוואָרן דורכן רעווקאָם, איז געווען איינע פון די אָנגעווייטאָגטסטע אין די ליטוויש=רוסישע באַציאונגען און בכלל אין לעבן פון ווילנע פאַר יענע טעג. די פאָרשטייער פון דער ליטווישער מאַכט האָבן זיך געהאַלטן ביי דעם שטאַנדפּונקט, אַז כּל=זמן די אָפּהיטונג פון דער אָרדענונג אין שטאָט געהערט דער רוסישער סאָוועטישער מאַכט, קען זיך די ליטווישע רעגירונג ניט אַריינמישן אין דעם ענין פון אַרעסטירן. בלויז אין איינצלנע פאַלן פלעגן די ליטווינער פאָדערן די באַפרייאונג פון אומשולדיק אַרעסטירטע. נאָר אויף דער זיצונג פון דער ליטוויש=רוסישער פאַרשכּענדיקונגס=קאָמיסיע דעם 25 אַווגוסט האָט די רוסישע דעלעגאַציע, לויט דער פאָדערונג פון די ליטווינער, מבטיח געווען צו דער קומעדיקער זיצונג צוצושטעלן די רשימה פון די אַרעסטירטע פּערזאָנען. דעם 26 איז אַרויס אַ מעלדונג פון רעווקאָם, אַז די מאַכט גייט אַריבער צו דער ליטווישער רעגירונג. דאָך האָט די ליטווישע דעלעגאַציע אויף דער זיצונג פון דער קאָמיסיע געמאָלדן, אַז אויף דער ליטווישער טעריטאָריע, בפרט אין ווילנע, קען קיינער ניט אַרעסטירט ווערן דורך דער סאָוועטישער מאַכט און ניט אַוועקגעפירט ווערן מחוץ די גרעניצן פון ליטע, און אַז די שוין אַרעסטירטע ליטווישע בירגער דאַרפן איבערגעגעבן ווערן דער ליטווישער מאַכט, כּדי אָנצוקלאָגן זיי אין געריכט און נאָך דער באַשולדיקונג צו באַשטראָפן זיי על=פּי די דינים פון דער ליטווישער מלוכה; דערביי קענען די פאָרשטייער פון דער סאָוועטישער מאַכט אַרויסטרעטן ווי אַ פּריוואַטער באַשולדיקער. דעם 25 נאָך האָבן די ליטווינער ביי נאָוואָ=ווילייסק פאַרהאַלטן אַ צוג מיט 72 אַרעסטירטע ליטווישע בירגער, וואָס דער „אָסאָבאָטדיעל" האָט געהאַט בדעה אַוועקצופירן קיין רוסלאַנד. די ליטווישע דעלעגאַציע האָט וועגן דעם געמאָלדן, און עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דער גאַנצער ענין איז אַ פּועל=יוצא פון אַ טעות. אין רעזולטאַט זיינען אַ סך באַפרייט געוואָרן, צווישן זיי אויך די רוסישע זשורנאַליסטן מאַרקאָוו און שאַט.

נאָכדעם האָבן די ליטווינער צונויפגעשטעלט פּלענער פון אַרבעט אויף די געביטן פון קאַמף מיטן יקרות, מיטן באַנדיטיזם, מיט די קלעפּיקע קראַנקהייטן, פּלענער פון אַרבעט אויף די געביטן פון עקאָנאָמישן אויפבוי פון לאַנד, פון קולטורעלן שאַפן און בילדונג, און ועל כּלם אויפן געביט פון התקרבות מיט די אָרטיקע נאַציאָנאַליטעטן. צונויפגעשטעלט פּלענער און תּיכּף צוגעטראָטן זיי דורכצופירן. דערביי האָבן זיי אויך געזען צוצוציִען די אָרטיקע כּוחות, אָנערקענענדיק, אַז זיי, די אָרטיקע כּוחות, וואָס זיינען גוט באַקאַנט מיט די ספּעציפישע באַדינגונגען פון דעם באַפרייטן קאַנט, קענען מיט אַ פּעולה אַרבעטן לטובת ליטע.



**דער ווילנער נייער מאַגיסטראַט.**—ווי ס'איז שוין געווען דערמאָנט, האָט פּאַראַלעל מיט דער מיליטערישער סאָוועטישער מאַכט פון אָנהייב אָן געזאָלט אָנהייבן צו פונקציאָנירן אויך די ליטווישע מאַכט, לכל הפּחות די ציווילע. ביים ליטווישן קאָמענדאַנט און אין ליטווישן קאָמיטעט זיינען דעמאָלט פאָרגעקומען איניקע זיצונגען פון פאָרשטייער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן וועגן איבערנעמען דעם מאַגיסטראַט, וועלכער איז דאַן אָנגעפירט געווען פון אַ צייטווייליקן קאָמיטעט פון די אָנגעשטעלטע. ס'איז שוין געווען צונויפגעשטעלט אַ צעטל פון 12 פּערזאָן, צו דריי פון יידן און פּאָליאַקן, צו צוויי פון ליטווינער און ווייסרוסן און צו איינעם פון די דייטשן און רוסן. דער דאָזיקער צעטל האָט געזאָלט באַשטעטיקט ווערן דורך דעם ליטווישן קאָמענדאַנט און זיי האָבן תּיכּף געדאַרפט צוטרעטן צום איבערנעמען דעם מאַגיסטראַט. אָבער אין דעם זעלביקן טאָג האָט זיך באַוויזן אַ באַפעל, אַז די גאַנצע מאַכט געהערט דעם רעווקאָם און קיין שום באַזונדערע קאָמיטעטן טאָרן ניט פונקציאָנירן. אין עטלעכע טעג אַרום איז דאַן געקומען אַ ידיעה, אַז דער רעווקאָם גייט אַוועק און מ'האָט זיך ווידער גענומען גרייטן צום איבערנעמען דעם מאַגיסטראַט. אָבער אַקטועל איז די שאלה געוואָרן ערשט דעם 25 אַווגוסט. דאַן זיינען ווידער פאָרגעקומען אַ גאַנצע ריי זיצונגען פון פאָרשטייער פון די נאַציאָנאַליטעטן און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער צייטווייליקער מאַגיסטראַט דאַרף זיין פון 7 פּערזאָן, צו צוויי פון יידן, פּאָליאַקן און ליטווינער און איין ווייסרוס. דערביי האָבן די יידישע פאָרשטייער געהאַט אויסצושטיין אַ גרויסן קאַמף מיט פאַרשיידענע „פּערזענלעכקייטן", וואָס האָבן זיך שוין אַריינגעמאַכט צום קאָמענדאַנט און האָבן געפּרובט ריידן אין נאָמען פון די יידן. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען מיט די פאָרשטייער פון די פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, האָט דער קאָמענדאַנט שבת דעם 28 אַווגוסט באַשטעטיקט די דאָזיקע פּערזאָנען ביז דער צייט, ווען ס'וועט אויסגעקליבן ווערן די שטאָט=פאַרוואַלטונג אויפן יסוד פון אַלגעמיינער אָפּשטימונג: 1) אַלס פּרעזידענט פון דער שטאָט ווילנע—דער בירגער יאָנאַס קימאָנט (ליטווינער, געשוואָרענער אַדוואָקאַט); 2) זיין פאַרטרעטער—באָלעסלאַוו סטאַנקעוויטש (פּאָליאַק, באַנק=דירעקטאָר); 3) סטאַניסלאַוו טשיזשעווסקי (ווייסרוס, פאָרזיצער פון דעם קאָאָפּעראַטיוון=פאַרבאַנד); 4) מאַריאַן דזעוויצקי (ליטווינער, געוועזענער מיטגליד פון שטאָטראַט); 5) אַלבערט קאַבאַטשניק (ביזאיצטיקער יידישער לאַווניק); 6) יונה שאַפּיראָ (דעמ. פּאַרטיי, ראַטמאַן פון געוועזענעם שטאָטראַט); 7) יוזעף סאָסנאָווסקי (פּאָליאַק). אַלס סעקרעטאַר איז באַשטימט געוואָרן יוזעף יאַכימאָוויטש, וואָס איז געווען סעקרעטאַר פון מאַגיסטראַט אַ יאָר 20 ביי די רוסן, דערנאָך ביי די דייטשן, באָלשעוויקעס, פּאָליאַקן און באָלשעוויקעס; אַלס זיין געהילף—איגנאַץ יאַנקאָווסקי (פּאָליאַק). דעם 30 אַווגוסט איז געווען די ערשטע זיצונג. דער מאַגיסטראַט האָט צווישן זיך צעטיילט די אַרבעט אויף אַזאַ אופן: די אַלגעמיינע אָפּטיילונג, די קאַנצעלאַריע און די יורידישע אָפּטיילונג האָט גענומען דער שטאָט=פּרעזידענט קימאָנט; די פינאַנסן=אָפּטיילונג, די קאָנטראָלע און דעם לאָמבאַרד—סטאַנקעוויטש; *טעכנישע, קאָמערציעלע און אינדוסטריעלע אָפּטיילונג—קאַבאַטשניק; גיטער, גערטנער, פאַרלאָזענע הייזער און סטאַטיסטיק—סאָסנאָווסקי; פייערלעשער, מערק און פלעצער—דזעוויצקי; סאַניטאַרע און צדקה=אָפּטיילונג—שאַפּיראָ; דערנערונג און באַהייצונג—טשיזשעווסקי.

ס'זיינען אינטערעסאַנט איניקע מאָמענטן פון דער ערשטער זיצונג פון נייעם מאַגיסטראַט. דער יידישער לאַווניק ה' יונה שאַפּיראָ האָט אויפגעהויבן די פראַגע וועגן איינשליסן אין די שטאָטישע אַנשטאַלטן אויך די יידישע וואוילטעטיקע מוסדות, אָנווייזנדיק, אַז ביי די רוסן האָבן זיי באַקומען שטענדיקע סובסידיעס. אויך די

דייטשן האָבן אין פּרינציפּ אָנערקענט, אַז די יידישע אַנשטאַלטן דאַרפן אויסגעהאַלטן ווערן צוגלייך מיט די ניט=יידישע. אַ נייס האָבן נאָר איינגעפירט די פּאָליאַקן, וואָס האָבן אויסגעשלאָסן די יידן פון דער מעגלעכקייט עטוואָס צו פאַרלייכטערן דעם קיום פון זייערע מוסדות. די יידישע קהילה האָט געמוזט אויסהאַלטן די מוסדות זעלבשטענדיק פון גאַנץ אַנדערע מיטלען. ה' שאַפּיראָ האָט אויך אָנגעוויזן, אַז עס איז ניט קיין יושר ניט אויסצוהאַלטן די יידישע שטאָטישע אַנשטאַלטן, ווייל דעם גרעסטן טייל פון די שטייערן צאָלן אין שטאָט דווקא די יידן. דאָ האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז די פּאָליאַקן האָבן אויסגעהאַלטן פינף פּוילישע קינדערהיימען, צוויי מושב=זקנימס און פיר פּוילישע שפּיטאָלן און בלויז איינציקן יידישן שפּיטאָל. ה' שאַפּיראָ האָט דעריבער געפאָדערט, אַז צו שטאָט זאָלן אויך אַריבער די פינף יידישע קינדערהיימען (יתומים=הויז, תלמוד=תורה, אחיעזר, גאָלדע מאַרקס און די קאָלאָניע פאַר שוואַכע קינדער) און דער פרויען=און קינדער=שפּיטאָל אין זווערינעץ. דער מאַגיסטראַט האָט באַפולמעכטיקט דעם ה' שאַפּיראָ צוצושטעלן די נייטיקע ידיעות וועגן די אַלע מוסדות און דעמאָלט וועט די שאלה ענדגילטיק באַשלאָסן ווערן. צום סוף פון דער זיצונג איז אָנגעקומען אַ דעלעגאַציע פון דער קהילה, אין דער פערזאָן פון הרב י. ר ו ב י נ ש ט י י ן און ה' אליעזר קרוק, וועגן דעם זעלביקן ענין. דער שטאָט=פּרעזידענט ה' ק י מ אָ נ ט האָט זיי אויפגענומען אין דער געגנוואַרט פון דעם לאַווניק פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, ה' שאַפּיראָ. די דעלעגאַציע האָט צוגעשטעלט אַלע נייטיקע מאַטעריאַלן וועגן די העכער 7000 יידישע קינדער, וואָס באַקומען עסן אין די שולן, קיכן און אין די קינדערהיימען (צו 1 און 2 מאָל אַ טאָג). דער שטאָט=פּרעזידענט האָט געענטפערט דעם ראַבינער און האָט אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט, וואָס ער האָט זיך ווידער געטראָפן מיט די אַלטע כלל=טוער, און האָט געמאָלדן, אַז ער איז פולשטענדיק מסכים מיט די פאָדערונגען פון דעם לאַווניק ה' שאַפּיראָ און דער דעלעגאַציע, נאָר די שאלה מוז באַטראַכט ווערן דורכן מאַגיסטראַט.

די ליטווינער האָבן געפונען די שטאָטישע בעל=הבתישקייט אין זייער אַ שפּלן מצב. די הנהגה אין מאַגיסטראַט אונטער דער פּוילישער ממשלה איז געווען אין אַלע פּרטים אַן אומגעלומפּערטע, און מחמת דעם גרעסטן טייל פון דעם ביודזשעט האָבן איינגעשלונגען די אָנגעשטעלטע, האָט דער מאַגיסטראַט ניט געקאָנט אָפּגעבן זיך מיט די ווירקלעכע הצטרכותן פון שטאָט. די שטאָט=פאַרוואַלטונג איז געשטאַנען ביי אַ דעפיציט פון אַן ערך 17 מיליאָן מאַרק, דאָס איז געווען זייער אַ שווערע ירושה פאַרן צייטווייליקן מאַגיסטראַט אונטער דער נייער ממשלה.

אַחוצדעם האָבן אויך די באָלשעוויקעס אַריינגעטראָגן אין לעבן פון מאַגיסטראַט אַ תוהו=ובוהו פאַר די 6 וואָכן, וואָס זיי האָבן פאַרבראַכט אין ווילנע, און די שטאָטישע אָנגעשטעלטע, וואָס האָבן באַקומען זייערע שכירות אין סאָוועטיש געלט, האָבן ביי די ליטווינער געמאָנט די דיפערענץ.

די צענטראַלע ליטווישע רעגירונג אין קאָוונע האָט מסכים געווען אויסצוהעלפן ווילנע מיט אַ הלוואה פון אַ מיליאָן אָסטמאַרק. אָבער נאָך איידער די הלוואה איז רעאַליזירט געוואָרן, זיינען שוין אויף איר חשבון אָנגעקומען פון קאָוונע עטלעכע וואַגאָן פּראָדוקטן. די פּראָדוקטן זיינען קודם=כל פונאַנדערגעטיילט געוואָרן צווישן די אינטערנאַטן. מ'האָט זיך ענערגיש גענומען באַזאָרגן מיט פּראָדוקטן אויך אַלע איבעריקע אינסטיטוציעס.

די ליטווישע רעגירונג האָט געהאַט בדעה קודם=כל אַוועקצושטעלן די פינאַנסן פון שטאָט אַזוי, אַז די אָנגעשטעלטע זאָלן ניט איינשלינגען דעם וויכטיקסטן טייל פון ביודזשעט און אַז אַלע געמאַכטע עקאָנאָמיעס זאָלן גיין צום דעקן די נויטן פון דער באַפעלקערונג. די גאַנצע אויסרעכענונג איז געווען אויף דער געהעריקער באַציאונג פון דער באַפעלקערונג, וואָס האָט געדאַרפט פּינקטלעך און רעגולער צאָלן די שטאָטישע שטייערן און דערמיט אַריינברענגען די נייטיקע הכנסות אין דער שטאָטישער קאַסע, כדי צו געבן די מעגלעכקייט וואָס גיכער און ראַציאָנעלער צו באַפרידיקן די באַדערפענישן פון שטאָט.

די באַציאונגען צווישן די פאָרשטייער פון די פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן אין מאַגיסטראַט זיינען געווען „זאַכלעכע און אָן פּניות״, ווי ס'האָט זיך אויסגעדריקט דער יידישער לאַווניק ה' יונה שאַפּיראָ.

דער מאַגיסטראַט האָט זיך תחילת גענומען ערנסט און ענערגיש צו דער אַרבעט — אַרויסצוראַטעווען די שטאָט פון איר טרויעריקן מצב, אין וועלכן זי איז אַריינגעפאַלן און האָט געניכוועט פון אָנהייב וועלט=מלחמה אָן. די אַרבעטסלאָזיקייט איז געווען גרויס, דער יקרות אויף די נייטיקסטע לעבנסמיטלען אומגעהייער און די עפּידעמישע קראַנקהייטן האָבן ניט אויפגעהערט. דער ענין דערנערונג און דער קאַמף מיט די עפּידעמיעס האָבן געפאָדערט קאָלאָסאַלע כוחות און קאָלאָסאַלע מיטלען. האָט דער מאַגיסטראַט ביי אַלעמען, וואָס האָבן אַריינגעטראָגן אין דער שטאָטישער קאַסע דאָס געצאָלט פאַר עלעקטרישער ענערגיע, פאַר וואַסער און פאַר טראַקטירן מיט סאָוועטיש געלט, גענומען פאָדערן, זיי זאָלן אין משך פון זיבן טעג אַריינטראָגן די סומעס, וואָס ס'קומט פון זיי, מיט פּוילישע מאַרקן און באַקומען צוריק די אַריינגעטראָגענע סאָוועטישע רובלס. ער האָט אויך געפאָדערט פון אַלע איינוואוינער פון ווילנע, זיי זאָלן אַריינטראָגן אין קאַסע פון מאַגיסטראַט אַלע חובות פון די שטאָטישע שטייערט, וואָס ס'קומט פון זיי פאַר אומבאַוועגלעכע גיטער, דירות=אָפּצאָל, איינצייטיקע הכנסה=שטייער, די שטייערס פאַר וועלאָסיפּעדן, הינט וכדומה. דער עולם שטייערצאָלער איז אָבער געווען ניט גאָר פּינקטלעך אין אַריינטראָגן דאָס געלט. נאָכדעם האָט דער מאַגיסטראַט אָפיציעל געמאָלדן, אַז אַלע אייגנטימער פון האַנדלס=אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען זיינען מחויב ביז 1 אָקטאָבער 1920 אַריינצוטראָגן אין קאַסע פון מאַגיסטראַט לטובת דער שטאָט די גאַנצע סומע, וואָס קומט פון זיי פאַרן יאָר 1919. באַלד האָט אויך אָנגעהויבן טיילווייז רעאַליזירט ווערן די קאָוונער 1=מיליאָניקע הלוואה. האָט מען געקענט אַ ביסל פונאַנדערנעמען די הענט. דאָס געלט האָט אָבער אַלץ ניט געקלעקט אויף צו באַפרידיקן די געוואַלדיקע הצטרכותן פון שטאָט. מ'האָט געפונען גענוג געזעלשאַפטלעכע אַרבעט פאַר אַרבעטסלאָזע, אָבער „מחמת דער געדריקטער פינאַנסיעלער לאַגע״ פון מאַגיסטראַט און מחמת מאַנגל אין די נייטיקע מאַטעריאַלן, האָט מען זיך געמוזט באַגרענעצן מיט די נאָך פון די פריערדיקע יאָרן אָנגעהויבענע אַרבעטן פון קאַנאַליזאַציע און וואַסערלייטונג. אגב, האָבן יידישע אַרבעטער נאָך אַלץ ניט געהאַט קיין צוטריט צו די געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן אַדאַנק די אַלטע טראַדיציעס און די בעלי=חזקה.

דער מצב פון ווילנע בנוגע האָלץ איז שוין גאַנצע זעקס יאָר אַ שווערער. אין סעפּטעמבער איז דער מצב געוואָרן גאָר ערנסט. די שטאָט האָט זיך גענייטיקט אין 30,000 קוביק=קלאַפטער האָלץ און פרייע זאַפּאַסן איז געווען סך=הכל פון 5 ביז 7 טויזנט קוביק. דערצו איז דער צופיר אויך שווער געווען. פונדעסטוועגן האָט דער מאַגיסטראַט צוזאַמען מיט געוויסע קרייזן האָלץ=סוחרים זיך ענערגיש משתדל געווען אין קאָוונע און אַלס פועל=יוצא האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער „ספּלאַוו״ אויף דער ווילִיע, הגם די רעזולטאַטן זיינען געווען גאַנץ קליינע, מחמת אין אָקטאָבער שטעלט זיך דער „ספּלאַוו״ אָפּ און אין די געבליבענע עטלעכע וואָכן איז אוממעגלעך געווען צו טראַנספּאָרטירן פון קאָוונע דעם גאַנצן נייטיקן סכום האָלץ.

בנוגע צו דערנערונג האָט דער מאַגיסטראַט, אַחוץ די פּראָ

דוקטן פון קאָװנע, וואָס זיינען צעטיילט געוואָרן בלויז צווישן די אינטערנאַטן, באַקומען אויך פון דער קאָמענדאַנטור אַ געוויסן סכום פּראָדוקטן, וואָס די קאָאָפּעראַטיוון האָבן באַקומען פון דער סאָוועטישער מאַכט אויף צו צעטיילן דער באַפעלקערונג. דער סכום פּראָדוקטן איז געווען אַ קליינער און האָט קיין שום באַדייטונג ניט געקענט האָבן.

אין שטאָט איז געוואָרן אַלץ ביליגער, דער זול האָט אָן אויפהער פּראָגרעסירט. מיט יעדן טאָג זיינען די מקחים אויף די נייטיקסטע לעבנסמיטלען אַלץ מער געפאַלן. אָנשטאָט 18—20 פּוילישע מאַרק האָט שוין אַ פונט ראָזעווע ברויט געקאָסט 7—7½ מאַרק. און אַזוי איז געווען מיט אַלע אַנדערע שפּייז-פּראָדוקטן. די סיבה פון דער ירידה פון די פּרייזן איז געווען דער פרייער האַנדל, דאָס וואָס מ'האָט פון די דערפער אָנגעפירט אין שטאָט גרויסע מאַסן פּראָדוקטן; ס'האָבן דערויף געווירקט אויך די קלאַנגען, אַז דער מאַגיסטראַט און געוויסע קאָאָפּעראַטיוון האַלטן ביים באַקומען גרויסע פּאַרטיעס סחורות.

און פונדעסטוועגן, ניט געקוקט אויפן זול, ניט געקוקט אויף די מעגלעכקייטן פונם מאַגיסטראַט, האָבן זיך אין מיטן סעפּטעמבער פאַרמאַכט אַלע יידישע קינדערקיכן און 7000 קינדער זיינען געבליבן הונגערן. און נאָכמער, ניט געקוקט אפילו דערויף, האָט „גאַזעטאַ קראַיאָוואַ” געהאַט די חוצפּה צו באַשולדיקן דעם פאַרוואַלטער פון דער אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג ביים מאַגיסטראַט ה' שאַפּיראָ, אַז די קריסטלעכע „פּריוטן” האָבן כלומרשט באַקומען ווייניקער פּראָדוקטן, ווי די יידישע. ה' שאַפּיראָ האָט געבראַכט אָפיציעלע ציפער פון די ביכער פון דער אָפּטיילונג, וואָס באַווייזן פונקט דעם היפּוך. ער האָט דערביי פאַרזיכערט, אַז דער נייער מאַגיסטראַט האָט זיך געהאַלטן אין זיין טעטיקייט אָן דעם פּרינציפּ פון גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע איינוואוינער און ווייס ניט פון קיין שום פּניות.

די אמתע סיבה פון דעם אַלעם איז געווען דער פאַקט, וואָס די השפּעה אין מאַגיסטראַט האָבן וואָס ווייטער אַלץ מער באַקומען די אַלטע פּריצים, וואָס האָבן ביז אַהער בעל-הבתעוועט אין אים. דער פּאָליטישער מצב פון ליטע איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ וואַקלדיקער, אומזיכערער און האָט אומגינסטיק געווירקט אויך אויף געוויסע עלעמענטן פון מאַגיסטראַט און אויף זייער טעטיקייט. די ליטווינער האָבן זיך געהאַלטן שוואַך,—איז אין מאַגיסטראַט ניט דורכגעפירט געוואָרן דער פּרינציפּ פון גלייכבאַרעכטיקונג פון די שפּראַכן בכלל און פון ייִדיש בפרט, ניט געקוקט, וואָס פּאַקטיש זיינען די יידן אין ווילנע 50 פּראָצענט. אַדאַנק דער הערשנדיקער פּאָזיציע, אויף וועלכער ס'האָבן זיך געשטעלט די אַלטע פּריצים, וואָס זיינען געוואוינט געווען צו ראָנדעווען, האָט זיך די שטאָטישע בעל-הבתישקייט גענומען; פירן נאָכן אַלטן נאָך. אַלץ האָט צוריק גענומען ווערן אָפּגעלאָזן. מ'האָט קלאָר אַייגעזען, אַז נאָר אַ מאַגיסטראַט, וואָס וועט אויסגעקליבן ווערן פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אויף ניט געפעלשטע דעמאָקראַטישע יסודות, וועט בכּוח זיין אַרויסצופירן די פילגעפּרובטע ווילנע פון איר קריטישן מצב. אגב, האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די הכנות צו די וואַלן אין דער ווילנער קומעדיקער אמתער שטאָטפאַרוואַלטונג, און ס'האָט זיך שוין אויפגעהויבן אין דער פּרעסע אויך די שאלה: וועלכע ווילנע זאָל קלייבן, צי די אמתע ווילנע אָן די אַרומיקע דערפער אָדער די אַזויגערופענע „גרויס-ווילנע”, דאָס הייסט די שטאָט מיט די אַרומיקע דערפער?

דער מצב פון מאַגיסטראַט האָט זיך שפּעטער גענומען בעסערן. דאָס געצאָלט פאַר עלעקטרישער ענערגיע האָט גענומען אַריינגעטראָגן ווערן רעגולער און מ'האָט אפילו גענומען צאָלן די פאַרשיידענע שטייערס. אַחוץ דעם האָט די ליטווישע רעגירונג געגעבן דעם מאַגיסטראַט 300,000 אָסטמאַרק אויף די מוסדות פון געזעלשאַפטלעכער פאַרזאָרגונג און אויך אַ באַדייטנדיקן סכום פּראָדוקטן.

ביים מאַגיסטראַט איז דעם 16 סעפּטעמבער אויסגעקליבן געוואָרן אַ שטענדיקער קאָמיטעט פון סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, וואוהין ס'זיינען אַריין אויך צוויי יידישע מיטגלידער: י. ציפּקין פון צ. ב. פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און נ. לאַנדאָן פון דער יידישער קהילה. דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט באַקומען אין זיין רשות אַלע געלטן און פּראָדוקטן אויף צו צעטיילן צווישן די צדקה-אַנשטאַלטן און האָט אויך געהאַט דאָס רעכט צו מאָנען פאַרשיידענע אָפּצאָלונגען ביז 15 פּראָצענט פון קינעמאַטאָגראַפן און אַנדערע עפנטלעכע פאַרווײַלונגען.

דער קאָמיטעט האָט געזאָרגט אייגנטלעך פאַר אינטערנאַטן, מושב-זקנים און „פּריוטן”. די פאָלקס-קיכן און קינדער-קיכן ביי די שולן האָבן נאָך אַלץ ניט געהאַט קיין פאַרזאָרגער. דאָ איז אויך געקומען צו הילף די ליטווישע רעגירונג. דער באַפולמעכטיקטער פון בילדונגס-מיניסטעריום האָט דעם 20 סעפּטעמבער אויפגערופן די פאָרשטייער פון די נאַציאָנאַלע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס אויף אַ ישוב-הדעת מכּוח דער שאלה וועגן דעם מאַטעריעלן מצב פון די ווילנער געזעלשאַפטלעכע שולן. ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ צייטווייליקע קאָמיסיע פון 18 מיטגלידער (צו דריי פון אַלע זעקס היגע נאַציאָנאַליטעטן), וואָס האָט גענומען אויף זיך די התחייבות אויסצוזוכן די נייטיקע מיטלען פון דערנערונג פאַר די שול-קינדער און באַזאָרגן די שולן מיט הייץ-מאַטעריאַל. די רעגירונג פון איר זייט האָט צוגעזאָגט דעם מאַגיסטראַט צו שיקן אַלע טאָג צו צוויי וואַגאָן קאָרן פאַר ווילנע און דער סביבה, און דער מאַגיסטראַט וועט עס דאַרפן צעטיילן צווישן די מאַגיסטראַטן פון ווילנער קרייז.

דאָס גופא האָט אגב געדאַרפט גורם זיין די אָפּשוואַכונג פונם יקרות.

צום זעלביקן צוועק פון באַקעמפן דעם יקרות האָט געזאָלט דינען אויך די אַנטוויקלונג פון דעם ענין קאָאָפּעראַציע, וואָס איז געשטאַנען אין צענטער פון די ליטווישע פּלענער צו הייבן דעם עקאָנאָמישן וואוילשטאַנד פון לאַנד.

אַלץ, וואָס די ליטווינער האָבן געטאָן, האָט געהאַט בלויז איין ציל: אויפצובויען די חרוב-געוואָרענע בעל-הבתישקייט פון ליטע און צו פאַרלייכטערן דאָס לעבן פון אַלע אירע בירגער אָן אונטערשייד.

מיליטערישע באַפעלן.—פּונקט ווי די ערשטע באַפעלן פון אַלע פריערדיקע מאַכטן, וואָס האָבן פאַרנומען ווילנע, האָבן אויך די ערשטע באַפעלן פון דער ליטווישער מאַכט זיך געמאָלדן מיט די באַוואוסטע שטרענגקייטן, וואָס האָבן געהאַט דעם צוועק צו „זיכערן די אָרדענונג און די רואיקייט אין שטאָט און איר סביבה”. אָבער מיט איניקע זייער וויכטיקע מאָמענטן האָבן זיי זיך אויסגעצייכנט לטובה אין פאַרגלייך מיט יענע. ערשטנס, האָבן די ליטווינער לחלוטין ניט געשאָטן מיט קיין באַפעלן און פאַראָרדענונגען, גאָר ניט אין פאַרגלייך מיט אַלע פאָריקע שררות; נאָכמער, זיי האָבן זיך זעלטן געלאָזט הערן מיט זייערע באַפעלן און פאַראָרדענונגען. צווייטנס, האָבן זיי פונם ערשטן באַפעל אָן אַפילו מיט אַ רמז ניט געלאָזט אַרויפפירן אויפן זין, אַז עס זאָל גאָר מעגלעך זיין אַ וואָסער-ס'איז אומגלייכקייט צווישן די בירגער. אַלע ווייטערדיקע באַפעלן האָבן געהאַט דעם איינציקן ציל—די פרייהייט און די גלייכהייט און די ברידערלעכקייט פון אַלע בירגער אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט און גלויבן. דער ערשטער באַפעל פון 25 אויגוסט האָט גערעדט וועגן „איינהייטן די אָרדענונג און די רואיקייט, וועגן באַשיצן די אומבאַרירלעכקייט פון פערזאָן און אייגנס”. דער צוויי-

טער באַפעל פון 31 אַווגוסט האָט געשטרעבט ערנסט צו פאַרהיטן די שטאָט ווילנע און איר קרייז פון עפּידעמישע קראַנקהייטן און פון הונגער; אויף די בעלי־בתים און פאַרוואַלטערס פון די הויפן זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן שטרענגע סאַניטאַרע התחייבותן און ס׳איז אַלעמען ערלויבט געוואָרן צו ברענגען צו פירן און צו טראָגן אין שטאָט שפּייז־פּראָדוקטן, האָלץ און אַנדערע סחורות.

אַ דריטער באַפעל, אויך פונם 31 אַווגוסט, האָט נאָרמירט דעם ענין דרוקן און פאַרשפּרייטן צייטונגען און אַנדערע אויסגאַבן, אַפישן, פלאַקאַטן און מודעות.

די ליטווישע מאַכט האָט געשפּירט, אַז זי איז אַרומגערינגלט מיט שונאים, וואָס שטרעבן זי צו דערשטיקן. אויף איר באַפעל, אַז די מיליטערישע פּערזאָנען, וואָס זיינען פאַרבליבן אין ווילנע און קרייז פון די פריערדיקע מאַכטן, זאָלן זיך מעלדן אין קאָמענדאַנטור און אָפּגעבן דאָס געווער, האָט מען זיך ווייניק אָפּגערופן. חשודיקע פינסטערע פאַרשוינען האָבן געשווינדלט און געגריבלט אויף שריט און אויף טריט, האָבן געזייט זוימען פון איינגעגעסענער שנאה, געוועקט די בעסטיאַלישע אינסטינקטן, פאַרשפּרייט די ווילדסטע קלאַנגען, וואָס זיינען געווען מסוגל אַרויסצורופן אומרוען און פּאָגראָמען, מיטן צוועק צו דיסקרעדיטירן און צו צעקלאַפּן די ליטווינער. דאַן האָט דער ליטווישער מיליטערישער קאָמענדאַנט, צווישן אַנדערע באַפעלן צו זיכערן די רואיקייט אין שטאָט, אַרויסגעלאָזן אויך דעם דאָזיקן באַפעל:

„אין שטאָט און אומגעגנטן פאַרשפּרייטן ביי־ווייליקע מענטשן פאַלשע קלאַנגען, וואָס האָבן דעם צוועק אויפצורייצן און אויפצוהייבן איין טייל באַפעלקערונג אויפן צווייטן. איך בין מתרה, אַז בשום אופן ווענין וועל איך ניט דערלאָזן קיין אומרוען און די העצער וועל איך באַשטראָפן על פּי דער גאַנצער שטרענגקייט פון די געזעצן וועגן פאַרטיידיקונג פון דער מלוכה. פון דער מיליציע פאָדער איך, זי זאָל אויסשפּירן די מקורים פון די דאָזיקע קלאַנגען און זאָל מיר מודיע זיין וועגן רעזולטאַט. 5 סעפּטעמבער 1920״.

מיט אַ באַזונדערן באַפעל איז די ליטווישע מאַכט אַרויסגעטראָטן קעגן דער ספּעקולאַציע פון „קנאַק״. אונטער אַ גרויסער שטראָף איז באַפוילן געוואָרן אין האַנדל צו נעמען אַלע פּוילישע און דייטשע מאַרקן, אַפילו צעריסענע און פאַרקלעפּטע, אויב עס זעט זיך נאָר אויף זיי דער נומער און די אונטערשריפט.

נאָך אייניקע ניט וויכטיקע באַפעלן וועגן רעגיסטרירן און שטעמפּלען אין מאַגיסטראַט די בילעטן אין טעאַטערס, קינאָמאַטאָגראַפן, קאָנצערטן, מוזיקאַלישע און טאַנץ־אָוונטן; וועגן דער רעגיסטראַציע פון פעלדשערס; וועגן דער רעגיסטראַציע פון די פאַרנומענע און ניט פאַרנומענע דירות און דער צאָל פון זייערע צימערן; וועגן דעם פאַרבאָט אַריבערצופירן פון איין אָרט אויפן אַנדערן מעבל אָן אַ שיין, אַז דאָס מעבל איז דער אייגנטום פון דער פּערזאָן, וואָס פירט איר אַריבער, און וועגן פאַרשיידענע קליינע הערב־אָפּצאָלונגען, — זיינען אַרויס אויך די דאָזיקע וויכטיקערע באַפעלן: וועגן דער פונקציאָנירונג פונם ליטווישן סטאַטוט וועגן געזעלשאַפטן, וואָס צייכנט זיך אויס מיט אַ טענדענץ פון זייער אַ ברייטער פרייהייט; וועגן דעם, אַז אַלע קלויסטערס, קירכן און שטאָטישע ערד־נחלאות, וואָס זיינען קאָנפיסקירט געוואָרן דורך די פריערדיקע רעגירונגען און אָפּגעגעבן גייסטלעכע און וועלטלעכע מוסדות צום באַנוצן זיך מיט זיי, זיינען אַריבער אין רשות פון דער ליטווישער רעגירונג, און וועגן אַלע לאָגישע פּועל־יוצאס דערפון; וועגן דעם חוב פון אַלע איינוואוינער פון דער שטאָט ווילנע צו פאַררעגיסטרירן זיך אין די צירקלען פון מיליציע; ווידער וועגן אָפּגעבן דאָס געווער און וועגן דעם, אַז ביז ס׳וועט פּובליקירט ווערן די נאָרמע פון דירה־געלט איז פאַרווערט צו העכערן די פּרייזן אויף דירות לגבי די פּרייזן וואָס ביזן 14 יולי 1920



און אַז די אייגנטימער פון די הייזער, דירות און צימערן האָבן ניט קיין רעכט אַרויסצוזעצן די שכנים, אויב זיי, די שכנים, ערפילן זייערע התחייבותן און זיינען ניט מסכים צו שליסן קאָנטראַקטן מחמת דער העכערונג פון דעם דירה־געלט.

אַ באַזונדערער באַפעל האָט געפאָדערט פון די בעלי־בתים און זייערע פאַרוואַלטערס צו ברענגען אין אָרדענונג די טראָטואַרן.

פון די אַלע באַפעלן און פאַראָרדענונגען זעט מען קלאָר, אַז אַפילו די ליטווישע מיליטערישע קאָמענדאַנטור איז זיך בכלל באַגאַנגען מיט דער ווילנער באַפעלקערונג מיט אַ געוויסן אינטערעס פאַר אירע נויטן. מיט דעם גרעסטן טייל פון אירע פאַראָרדענונגען און באַפעלן האָט זי געהאָלפן דעם מאַגיסטראַט אין דעם ענין פון פירן די בעל־הבתישקייט פון שטאָט.

דאָס איז די גאַנצע רשימה באַפעלן. אַחוץ דעם האָט זיך די ליטווישע מאַכט כמעט ניט געלאָזט הערן אין שטאָט. אויף די גאַסן איז געווען לעבעדיק און רואיק בייטאָג, רואיק און שטיל ביינאַכט; אַפילו די נאַכטיקע פּאַטרולן זיינען שטילע געווען, אָן קולות, אָן רעש. די ליטווינער זיינען געווען עניוותדיק און שטיל. מ׳האָט פון זיי ניט געזעען — ניט די הפקרותדיקע אכזריות פון אַ צאַרישן משרת, ניט די קאַלטע טיראַניע פון אַ פּרייסישן יונקער, און מ׳האָט פון זיי ניט געהערט — ניט דעם אייביק־צאָרנדיקן טאָן פון אַן אַלטן פּריץ און ניט די ווילד־היסטערישע אָנפאַל־געשרייען פון ניי־אויפגעקומענע אדונים. אויב עמיצער האָט מיט עפּעס אַזוינס ווען יאָ זיך צוזאַמענגעשטויסן, איז דאָס כמעט אַלעמאָל געווען אַ נייע באַגעגעניש מיט אַן אַלטן ביוראָקראַטישן עלעמענט פון די צאַרישע צייטן, וואָס האָט זיך צוגעשמירט צו דער נייער ליטווישער מאַכט, אַריינגעכאַפּט זיך אין דער סביבה פון די נאַאיווע ליטווישע מלוכהשאַפּטלעכע טוער און „געהאָלפן״ „מאַכן אָרדענונג״ דאָ, וואו מ׳האָט זיי שוין לאַנג געוואָלט פאַרגעסן. דאָס לעבן איז געגאַנגען פריי אָן רעגלאַמענטאַציעס פון אויבן און אַפילו אָן קלינגענדיקע דעקלאַראַציעס מיט אַלע „גוטסוואונטשן און פרייהייטן״, ווי דאָס איז אַלעמאָל דער מנהג פון די אַזויגערופענע „ציוויליזירטע״ פעלקער פון אייראָפּע, וואָס זאָגן צו אַ סך און האַלטן ס׳רוב קיין וואָרט ניט.

די דעקלאַראַציע פונם ליטווישן מיניסטאָרן־קאַבינעט אינם גרינדונג־סיים וועגן די געגנטן, וואָס זיינען באַפרייט געוואָרן פון די אָקופּאַציעס, אָנגענומען אויף דער 41־טער זיצונג פונם סיים דעם 15 סעפּטעמבער 1920. — „מיר שטייען פּנים־אל־פּנים פאַר אַ גרויסן היסטאָרישן פאַקט, ווען ליטע, וואָס האָט אַראָפּגעוואָרפן די קייטן פון שקלאַפעריי, אָטעמט מיט איין אָטעם ווי איין אָרגאַניזם מיט איר הויפּטשטאָט ווילנע. די רעגירונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער ליטווישער קאָנסטיטואַנטע, גייט אין די באַפרייטע געגנטן, רופנדיק צו שאַפערישער אַרבעט אַלע בירגער פון ליטע. זי לייגט זיי ניט פאָר קיין פּלעביסציט, לאָקט זיי ניט מיט די עשירותן פון פרעמדע מדינות. זי מעלדעט אויף באַשטימט, אַז ס׳איז שוין פאַרענדיקט דער פּעריאָד פון אָקופּאַציעס, אַז ס׳איז אָנגעקומען די תקופה פון דעזאַנעקסיע.

„פאַרנעמענדיק דעם מזרחדיקן טייל פון ליטע, ווייס די רעגירונג, אַז דאָרטן איז צווישן דער באַפעלקערונג אַ גרעסערער אונטערשייד אין שפּראַך, גלויבן און מנהגים, איידער אויף מערב־ליטע, אָבער זי מיינט, אַז די דאָזיקע אונטערשיידן וועלן ניט שטערן דעם נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין פון ליטע, מחמת ניט די שפּראַך אַליין, ניט דער גלויבן אַליין, ניט די מנהגים שאַפן נאָך ניט קיין נאַציע. פּונקט אַזוי ווייס די רעגירונג, ווי טייער ס׳איז יעדערן זיין מוטערשפּראַך, זיין גלויבן אָדער קולטור, און דעריבער האָט זי בשום אופן ווענין ניט בדעה אָפּצונעמען די דאָזיקע ווערטן אָדער שטערן צו באַנוצן זיך מיט זיי. די בירגער

פון דער פרייער ליטע קענען זיך באַנוצן מיט זייער שפּראַך ניט בלויז אין גאָטעסהויז און אין שול, נאָר אויך אין די רעגירונגס־מוסדות.

„פאַרצייטן האָבן די ליטווינער רעגירט אַ גרויסע מלוכה, וואָס האָט זיך געצויגן פון באַלטישן ים ביזן שוואַרצן. זיי האָבן די דאָזיקע מלוכה געשאַפן ניט אַזויפיל מיטן כוח פון כלי־זיין, ווי מיט זייער קענען פירן. ניט באַדריקנדיק קיינעמס נאַציאָנאַלע רעכט, האָבן זיי געקענט שאַפן פעסטע מלוכה־פאָרמען און באַקוועמע עקאָנאָמישע תנאים, פאַרע׳פרייטנדיק אין דערזעלביקער צייט זייער ציוויליזאַציע און בירגערישקייט. די איצטיקע ליטווישע רעגירונג האָט פעסט בדעה אויפצולעבן דעם גייסט פון אירע אָבות און גיין אין זייער וועג.

„כדי אײַנצושטעלן און אויפצוקלערן די יסודות פון פאַרוואַלטונג אין די באַפרייטע געגנטן פון ליטע, מעלדעט די רעגירונג:

„אַלע געגנטן פון ליטע אין די גרעניצן, וואָס זיינען אַיינגעשטעלט געוואָרן אינם שלום־טראַקטאַט מיט רוסלאַנד, ווערן געמאָלדן פאַר אַן אומאָפגעטיילטן טייל פון דער דעמאָקראַטישער ליטווישער רעפּובליק.

„אַלע געגנטן, וואָס זיינען באַפרייט געוואָרן פון דער אָקופּאַציע, וועלן פאַרוואַלט ווערן אויף די אַלגעמיינע יסודות פון דער גאַנצער מלוכה לויט די געזעצן פון דער דעמאָקראַטישער ליטווישער רעפּובליק און לויט די פאַראָרדענונגען פון דער רעגירונג.

„בכדי צו באַשיצן די בירגער פון ליטע פון נייע אָקופּאַציעס, פון אַ חורבן פון דער ווירטשאַפט אין לאַנד און פון באַדריקן אירע אַיינוואוינער, איז די רעגירונג גרייט צו פאַרבינדן פרידלעכע באַציאונגען מיט אַלע שכנים פון דער דעמאָקראַטישער ליטווישער רעפּובליק; אָבער אין אַ פאַל פון נויטווענדיקייט וועט זי מיט כלי־זיין אין די הענט אויפשטיין קעגן איטלעכן, וואָס וועט אָנפאַלן אויף ליטע.

„די רעגירונג וועט אָננעמען אַלע נייטיקע מיטלען אויף אויפצוריכטן די ווירטשאַפט אין לאַנד און אָפּצושאַפן די אַרבעטסלאָזיקייט אין די געגנטן, וואָס זיינען באַפרייט געוואָרן פון דער אָקופּאַציע. מ׳דאַרף געדענקען, אַז נאָך אַ שטאַרקן חורבן פון אַ לאַנד קומט תמיד אַ פאַראָרימונג פון דער באַפעלקערונג און אַן אַרבעטסלאָזיקייט, אָבער, ווי עס ווייזן די מלחמה־יאָרן, וואָס קאָוונע און די אַנדערע טיילן פון ליטע האָבן איבערגעלעבט, ווערן די דאָזיקע אומגליקן קלענער אין דער צייט פון פרידלעכן לעבן. מ׳דאַרף האָפן, אַז ווילנע מיט איר קרייז וועט גיך פאַרגעסן אירע וואונדן און אַז דאָס לעבן וועט ווידער אַריין אין זיין נאָרמאַלן דרך.

„די אָרגאַנען פון דער רעגירונג און זעלבסטפאַרוואַלטונג וועלן פאַררעגיסטרירן אַלע היזקות, וואָס די אָקופּאַנטן האָבן גורם געווען, מיטן צוועק צו באַקומען פאַר זיי אַ באַלוינונג.

„אויפן געביט פון סאָציאַלע באַציאונגען וועט די רעגירונג פון ליטע זיך באַמיען מבטל צו מאַכן די אומגלייכקייטן, וואָס זיינען אַרויסגערופן געוואָרן דורך די פּריווילעגיעס פון די שטאַנדן און דורך דער אומגערעכטיקער פונאַנדערטיילונג פון די רייכטימער. די שטאַנדן מיט אַלע זייערע פּריווילעגיעס זיינען שוין בטל געוואָרן דורך דער צייטווייליקער קאָנסטיטוציע פון דער ליטווישער מלוכה.

„די צעטיילונג פון די נאַטירלעכע רייכטימער פון לאַנד, באַזונדערס פון ערד, מוז זיין אַן אַנדערע ווי פריער. ערד דאַרפן האָבן די, וואָס באַאַרבעטן איר. די וואָס האָבן גאָר קיין ערד ניט אָדער האָבן ווייניק ערד, די מיליטערלייט און זייערע פאַמיליעס דאַרפן באַזאָרגט ווערן מיט ערד. די רעגירונג, וואָס זאָרגט וועגן



די נויטן פון די אינדוסטריעלע און לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער, וועט אָנווענדן אַלע מעגלעכסטע מיטלען, וואָס זיינען נויטווענדיק אויף צו גאַראַנטירן דערטרעגלעכע תנאים פון לעבן און אַרבעט.

„די באַפעלקערונג פון די באַפרייטע געגנטן וועט גערופן ווערן צו פאַרוואַלטן אירע אָרטיקע ענינים אין די אָרגאַנען פון זעלבסטפאַרוואַלטונג אין די וואָלאָסטן, קרייזן און שטעט, וואָס זיינען אויסגעקליבן אויף דעמאָקראַטישע יסודות, בהסכם מיט די געזעצן, וואָס ווירקן אין גאַנץ ליטע. בשעת ס׳וועלן איינגעאָרדנט ווערן די אָרגאַנען פון זעלבסטפאַרוואַלטונג, וועט די רעגירונג דורכפירן אין די פון דער אָקופּאַציע באַפרייטע געגנטן וואַלן אין דער אַלגעמיין־ליטווישער קאָנסטיטואַנטע בהסכם מיטן געזעץ וועגן די וואַלן אין דער קאָנסטיטואַנטע פון ליטע.

„די רעגירונג ווייס, אַז אין די דאָזיקע געגנטן זיינען פאַרבליבן פון די צייטן פון די אָקופּאַציעס אַגענטן פון פרעמדע מלוכות, וואָס וועלן מאַכן אַלע אָנשטרענגונגען, בכדי צו שטערן דער שאַפערישער אַרבעט. דאָס איז אַן אומפאַרמיידלעכע צרה, וואָס בלייבט נאָך אָקופּאַציעס. זיי וועלן באַגעגענען אַן אַנטשיידנדיקן ווידערשטאַנד אין זייער צעשטערערישער אַרבעט הן אין דער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך אָנגעליטן פון די אָקופּאַציעס, הן אין דער רעגירונג, וואָס וועט זיך מיט זיי באַגיין לפי דער גאַנצער שטרענגקייט פון די געזעצן.

„מיר וועלן ריידן מיט אַ פשוטער ליטווישער שפּראַך: מיר זיינען געווען „אונטער די רוסן", „אונטער די דייטשן", „אונטער די באָלשעוויקעס", „אונטער די פּאָליאַקן". צום סוף איז געקומען די צייט, ווען מיר זיינען געוואָרן „מענטשן פאַר זיך" און קענען זיך באַשעפטיקן זעלבשטענדיק מיט איינאָרדענען דאָס לאַנד.

„רופנדיק די בירגער פון די באַפרייטע געגנטן צו אַרבעט, זעט די רעגירונג פאָראויס אַלע מניעות און די גאַנצע שווערקייט פון דער דאָזיקער אַרבעט, וואָס פאַלט אויף איר אין דעם טייל פון ליטע, וואָס איז חרוב געוואָרן דורך די אָקופּאַציעס. בלויז אָנשפּאַרנדיק זיך אויף דער שטיצע פון דער קאָנסטיטואַנטע און פון גאַנץ ליטע, ווי אויך פון דער באַפעלקערונג פון די באַפרייטע געגנטן, האָפט די רעגירונג מיט הצלחה אויסצופירן איר אַרבעט".

---

**די אויפלעבונג פון די געזעלשאַפטן און פאַראיינען.** — די ליטווישע רעגירונג האָט אַפריער געהאַט בדעה אַריבערצופאָרן קיין ווילנע—דער רעזידענץ פון ליטע—דעם 1־טן אָקטאָבער, אָבער נאָכדעם האָט זי באַשלאָסן דורכצופירן דאָס נאָך פריער און ווי אַן אמתער בעלי־הבית איינצואָרדענען דאָרטן אַלע אָרגאַנען, וואָס פונקציאָנירן שוין אין די איבעריקע טיילן פון ליטע, און אויסצופירן אַלע אירע פּלענער. דאָס האָט דאָך אָבער געדאַרפט וויפיל ניט איז געדויערן און אין ווילנע האָט דערווייל די גאַנצע מאַכט געהאַט דער מיליטערישער קאָמענדאַנט פון שטאָט. פונדעסטוועגן האָט זיך שוין פון די ערשטע טעג פון דער ליטווישער הערשאַפט אָן אָנגעהויבן אַן אויפלעבונג אין אַלע געזעלשאַפטן און פאַראיינען.

ס׳האָבן אויפגעלעבט אָדער פון דאָס ניי געגרינדעט זיך ניט בלויז פאַרשיידענע עקאָנאָמישע, פילאַנטראָפּישע, טעכנישע, גימנאַסטישע, ספּאָרטסמענישע, וויסנשאַפטלעכע און בכלל קולטורעלע געזעלשאַפטן אָן אַ שיעור און אָן אַ צאָל ביי אַלע היגע נאַציאָנאַליטעטן, נאָר אויך די קלאַסנדיקע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און פּאָליטישע פּאַרטייען, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַן אומגעהייערע ענערגישע טעטיקייט. ידיעות וועגן פאַרזאַמלונגען און באַראַטונגען, אָוונטן און קאָנצערטן פון כל המינים חברות, פאַראיינען און קאָמיטעטן האָבן פול געמאַכט די כראָניק פון אַלע אָרטיקע צייטונגען.

אָנהייבן פון קאָאָפּעראַטיוון, וואָס די ליטווישע רעגירונג אַליין האָט זיי מיט אַלע מעגלעכקייטן געשטיצט אַלס אַ קעגנסם קעגן דעם פרייען האַנדל, וואָס זי אָנערקענט און וואָס זי האָט זיינע שעדלעכע זייטן געוואָלט באַקעמפן מיט דער הילף פון פרייע קאָנסום=פאַראיינען. די קאָאָפּעראַציע איז אַלעמאָל געשטאַנען אין צענטער פון די פּראָגראַמען פון די ליטווישע אַרבעטערשע און פויערשע געזעלשאַפטן און פּאַרטייען און נאָכדעם איז זי אָנערקענט געוואָרן אויך פון דער רעגירונג פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן אין לעבן און אַנטוויקלונג פונם האָ. עקאַשנעם פאָלק אין ליטע.

דער אומזאַץ פון אַלע קאָאָפּעראַטיוון האָט דערגרייכט די סומע פון אַ סך צענדליקע מיליאָנען מאַרק און מיט זייער טעטיקייט האָבן זיי אין דער קורצער צייט פון דער ליטווישער הערשאַפט אין ווילנע צוזאַמען מיט אַנדערע פאַקטאָרן געבראַכט צו אַ געוואַלדיקער ירידה פון די פרייזן אויף די נייטיקסטע לעבנסמיטלען.

אַדאַנק דער אויפלעבונג פונם האַנדל אין ווילנע פאַר די ליטווינער, האָט אויפגעלעבט אויך די האַנדלס=אינדוסטריעלע געזעלשאַפט. דעם 19 סעפּטעמבער איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכע זיצונג פון דער געזעלשאַפט מיטן אָנטייל פון אַדוואָקאַט שמשון ראָזנבוים, מיטגליד פון ליטווישן סיים און וויצע=מיניסטער פאַר אויסלענדישע ענינים, און פון ד״ר גאָלדבערג, דירעקטאָר פון דער יידישער נאַציאָנאַלער באַנק. נאָך די באַגריסונגס=רעדעס פונם פאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט אַדאָלף גאָרדאָן, פון אַדוו. ראָזנבוים און אַנדערע, וואָס אין זיי איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן די פרייד צוליב דער ענדגילטיקער באַפרייאונג פון ווילנע פונם יאָך פון כל=המינים אונטערדריקער און צוליב דער מעגלעכקייט סוף=כל=סוף צוצוטרעטן צו שאַפערישער אַרבעט אויף צו בויען די פרייע ליטווישע רעפּובליק,—איז אַרויסגעטראָטן ד״ר גאָלדבערג מיט אַ רעפעראַט וועגן דער עקאָנאָמישער ראָלע פון די יידן אין דער באַפעסטיקונג פון דער ליטווישער מלוכהשאַפטלעכקייט. אין זיין אינהאַלטסרייכן רעפעראַט האָט דער אָראַטאָר אָנגעוויזן אויף דער ראָלע, וואָס שטייט פאָר אין דער דאָזיקער שאַפערישער אַרבעט דעם סוחרים=קלאַס און די אינדוסטריעלער פון איין זייט און דעם קלאַס ערדאַרבעטער— פון דער אַנדער זייט. דעריבער איז נויטווענדיק אחדות און אָרגאַניזאַציאָנעלע בויאונג אויפן געביט פון האַנדל און אינדוסטריע און אַן אַריבערגאַנג צו אינטענסיווער ווירטשאַפט אין ערדאַרבעט. ביי די דאָזיקע תּנאים שטייט ליטע פאָר אַ גליקלעכער עתיד פון אַ ניט קיין גרויסער, אָבער רייכער עקספּאָרטירנדיקער מדינה, ווי האָלאַנד אָדער דענעמאַרק. אַ גרויסע ראָלע אין דער דאָזיקער אויפלעבונג פונם לאַנד דאַרפן שפּילן די יידן, סיי אויפן אינדוסטריעלן געביט, סיי אויך אויפן געביט פון לאַנדווירטשאַפט.— נאָכן רעפעראַט האָט מען מודיע געווען דער פאַרזאַמלונג, אַז מ׳האַלט ביים עפענען אין ווילנע אַ יידישע נאַציאָנאַלע באַנק מיט אַ גרונד=קאַפּיטאַל פון דריי מיליאָן דייטשע מאַרק. די אַלגעמיינע געהויבענע שטימונג פון די בייגעוועזענע האָט אַרויסגערופן אַ פאַרלאַנג צו פאַרשרייבן זיך אויף די אַקציעס פון דער באַנק און די סומע האָט דאָ גופא אַריבערגעשטיגן 100.000 דייטשע מאַרק.

ס׳איז צו זיך געקומען נאָך אירע איבערגעלעבטע צעטרייסלונגען אויך די יידישע באַנק.

ס׳האָבן אויפגעלעבט די ווייסרוסישע אָרגאַניזאַציעס, די „ראַדע״, דער „ווייסרוסישער קאָמיטעט״ און אַנדערע, וואָס האָבן דורכגעפירט פאַרזאַמלונגען און אַרויסגעטראָגן רעזאָלוציעס, וואו זיי האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַ אומאָפּהענגיקע ווייסרוסלאַנד און פאַר אַ פאַרשטענדיקונג מיט ליטע וועגן די ווייסרוסישע געגנטן פון „ווילענשטשינאַ״ און „גראָדזענשטשינאַ״.

ס׳איז טעטיק געוואָרן דער ווייסרוסישער לערער=פאַראיין, וואָס האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַ קאָנטאַקט מיט די לערער פון די איבעריקע היגע נאַציאָנאַליטעטן. די ווייסרוסן האָבן זיך אויך אַרויסגעזאָגט קלאָר און דייטלעך פאַר אַ פריינדלעכן צוזאַמענלעבן מיט זייערע מיטבירגער די יידן, מיט וועמען זיי לעבן צוזאַמען שוין אַזוי פיל לאַנגע יאָרהונדערטער. זיי האָבן געעפנט קורסן פון דער ווייסרוסישער שפּראַך און ליטעראַטור.

ס׳איז געגרינדעט געוואָרן אַ פּוילישער קאָמיטעט צו פאַרטיידיקן די איטערעסן, פון דער פּוילישער באַפעלקערונג.

ס׳איז אויפגעקומען אויך אַ רוסישער קאָמיטעט און די פּראַוואָסלאַוונע געמיינדע האָט גענומען אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

אָבער גאָר לעבעדיק איז געוואָרן אין דער היגער ליטווישער געזעלשאַפט. אַלע פאַראיינען און פּאַרטייען האָבן זיך גענומען מיט דער גרעסטער ענערגיע פאַר אַרבעט אויפן עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און נאַציאָנאַל=קולטורעלן געביט, האָבן פאַרשטאַרקט די אַלטע שולן זייערע און גענומען עפענען אויך נייע, האָבן געעפנט קורסן פאַר דער ליטווישער שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע. זיי האָבן מיט כל אַמצי כּוחות געזוכט אַ התקרבות מיט אַלע היגע נאַציאָנאַליטעטן.

די קאַראַאימישע קהילה אין טראָק איז אויפגעשטאַנען תּחית=המתים און האָט אויפן 24 סעפּטעמבער באַשטימט בוררות פונם „יינגערן חכם״ אין דער אָרטיקער „כּנסת״. פאַר אַ קאַנדידאַט האָט מען אָנגערופן דעם זון פונם באַרימטן קאַראַאימישן מלומד ר׳ אברהם פירקאָוויטש (אב״ן רש״ף).

אויך די יידישע קהילה אין ווילנע האָט זיך אַ ריר געטאָן פון איר טויטן פּונקט, וואָס אויף אים איז זי שטיין געבליבן מיטן אַריינמאַרש פון דער רויטער אַרמיי דעם 14 יולי.

די היסטאָריש=עטנאָגראַפישע געזעלשאַפט, וואָס איז פאַר די באָלשעוויקעס געווען געשלאָסן מחמת אומזיסטער מורא פאַר רעקוויזיציעס, האָט זיך פאַר די ליטווינער ווידער געעפנט.

אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט די אַרבעט אפילו אויף אַ קורצער ווײַלע. אַזוי ווי קיין שום פאַראָרדענונגען וועגן די פאַראיינען זיינען פון דער ליטווישער מאַכט אין ערשטן מאָמענט ניט אַרויסגעגעבן געוואָרן, האָבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען ניט געוואוסט, ווי צו פירן ווייטער די אַרבעט. אַנדערע פאַראיינען זיינען געווען אין פאַרלעגנהייט און האָבן זיך געווענדט צום צ. ב. די פאָרשטייער פון צ. ב. זיינען דערגאַנגען, אַז קיין שום שטערונגען וועלן מצד דער מאַכט ניט געמאַכט ווערן די פאַראיינען און אַז זיי קענען פירן זייער אַרבעט אַזוי ווי פריער, נאָר אויף פאַרזאַמלונגען מוז דערווייל איטלעכס מאָל אַרויסגענומען ווערן אַן ערלויבעניש ביי דער קאָמענדאַנטור. ס׳איז געבליבן אַרבעטן דאָסזעלביקע צענטראַלביוראָ, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר דער צייט פון רעווקאָם. מיט דער עוואַקואַציע פון רעווקאָם זיינען אַוועק פון ווילנע זייער וויכטיקע טוער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אָבער די געבליבענע האָבן אָנגעשטרענגט אַלע כּוחות אַריינצוטראָגן אַן אָרדענונג אין דעם תּוהו=ובוהו, וואָס איז געקומען פון דער אַייליקער עוואַקואַציע. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן אָבער שוין אין אָנהייב באַקומען צוויי סיורפּריזן, וואָס ס׳האָט אויף זיי געמאַכט אַ שלעכטן רושם, אָבער ניט צעטומלט. דעם 26 אַווגוסט, בשעת דער רעווקאָם איז נאָך געווען אין ווילנע, האָט די אָרטיקע קאָמענדאַנטור פאַרחתמעט דעם בנין פון צ. ב. אויף קאַטעדראַלפּלאַץ 4, און דעם 28=טן, ווען דער רעווקאָם איז שוין אין ווילנע ניט געווען,—דעם בנין פון אַרבעטער=היים אויף ווראָניע גאַס 5, און ביי ביידע בנינים איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ וואַך. אויף אַ פּריוואַטער באַראַטונג פון די דעלעגאַטן פון די פּראָפעסיאָנעלע

פאַראייניגען דעמזעלביקן 28 אַווגוסט איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ צייטווייליקע קאָמיסיע, וואָס איז באַפולמעכטיקט געוואָרן ווידער אויפצושטעלן די אַרבעט אין צ. ב. און אין אַלע אינסטיטוציעס, ווי דער אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוו, אַרבעטער־היים און אַנדערע. נאָכדעם זיינען דעלעגירט געוואָרן פאָרשטייער פון צ. ב. צו דערגיין די טעמים פון דער דאָזיקער רעפּרעסיע. דער סעקרעטאַר פון באַפולמעכטיקטן איבער די אינוויניקסטע ענינים ביי דער קאָמענדאַנטור האָט ערקלערט, אַז דער בנין אויף קאַטעדראַלפּלאַץ 4 איז נייטיק דער מאַכט פאַר אַ רעגירונגס־אינסטיטוציע. וואָס איז שייך דעם בנין אויף ווראָניע 5, דאַרף דאָס צ. ב. אַריינגיין אין אונטערהאַנדלונגען מיטן אייגנטימער פון הויז. נאָכדעם ווי עס וועט געשלאָסן ווערן מיט אים אַן אָפּמאַך וועגן דירה־געלט, וועט דער בנין געעפנט ווערן. דאַן זיינען פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגען אויסגעקליבן געוואָרן באַפולמעכטיקטע צוצוגרייטן דעם בנין פאַרן צ. ב. און אַריינצוגיין אין אונטערהאַנדלונגען מיטן אייגנטימער פון הויף אויף ווראָניע 5, וואו עס געפינט זיך די אַרבעטער־היים, אַז דער בנין פון אַרבעטער־היים זאָל בלייבן אין רשות פון צ. ב. די דאָזיקע ענינים זיינען באַלד ערליידיקט געוואָרן לטובת די אַרבעטער: דער בנין אויף ווראָניע 5 איז פאַרבליבן פאַר דער אַרבעטער־היים און פאַרן צ. ב. איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַן אַנדער בנין. מער האָבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגען קיין שטערונגען ניט געהאַט און זייער אַרבעט איז אַוועק לעבעדיק און פריי. דאָס צ. ב. און דער דעלעגאַטן־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגען האָבן אַנטוויקלט אַ ברייט פאַרצווייגטע טעטיקייט אויפן עקאָנאָמישן און קולטורעלן געביט, אויפן געביט פון מעדיצינישער הילף פאַר די אַרבעטער וכדומה. זיי האָבן אַ סך אויפגעטאָן אין קאַמף קעגן דער אַרבעטסלאָזיקייט, אין דעם ענין פון באַקומען פאַר די אַרבעטסלאָזע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, ווי אויך אין דעם ענין פון קאָאָפּעראַטיוון און קיכן פאַר די אַרבעטער. זיי האָבן באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ פּראָפעסיאָנעלן וועכנטלעכן אָרגאַן אויף פּויליש („פּאָכאָדניאַ”) און אויף יידיש („אַרבעטער־לעבן”), אויך אויף ווייסרוסיש און רוסיש („וואָלנאַ”), כּדי דורכצופירן די אידעע פון סאָלידאַריטעט אינם קאַמף פאַר אַ ליכטיקער צוקונפט. אָבער ס'איז ניט באַשערט געווען דורכצופירן אין לעבן די דאָזיקע אַלע גוטע התחלות.

די פאַרוואַלטונג פון גראָסער־קלוב איז צוגעטראָטן ווידער אויפצושטעלן אונטער דער אָנפירונג פונם דיריגענט אברהם סלעפּ דעם כאָר, וואָס איז געווען באַליבט ביי דער ווילנער יידישער אַרבעטערשאַפט. דער כאָר איז באַשטאַנען פון 40—50 פּערזאָן פון ביידע געשלעכטער און פלעגט אָפט מאַכן זיינע רעפּעטיציעס. פינסטערע עלעמענטן האָבן אָבער געלויערט אויף די יידישע אַרבעטער, האָבן נאָכגעשפּירט און געזוכט אַ מאָמענט און אַן אויסרייד אָנצומאַכן אַ מהומה און אַ חורבן אין זייערע רייען. זיי האָבן געמיינט, אַז דער מאָמענט איז שוין געקומען, און האָבן אויסגעפירט זייער פּראָוואָקאַציע, האָבן איבערגעגעבן דער ליטווישער קאָמענדאַנטור וועגן ניט געשטויגענע־ניט געפלויגענע מעשים, וואָס ווערן כלומרשט אָפּגעטאָן אין גראָסער־קלוב קעגן דער ליטווישער מאַכט. די ליטווישע קאָמענדאַנטור, לאַנג ניט קל'ערנדיק, צי די דאָזיקע פּראָוואָקאַטאָרישע מסירה האָט אַ וועלכן עס איז גרונד, האָט זיך צוגעכאַפּט מיט אַ רשעות, וואָס קען ניט פאַרענטפערט ווערן און וואָס איז גאַנץ כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ מיליטערישער מאַכט,—און האָט פאַראָרדנט צו אַרעסטירן די גאַנצע „פאַרשווערערישע אָרגאַניזאַציע”. דעם 9־טן סעפּטעמבער, 8 אַזייגער אין אָוונט, האָט די ליטווישע זשאַנדאַרמעריע אַרומגערינגלט דעם גראָסער־קלוב (ווילנער גאַס 17), וואו ס'איז געווען פאַרזאַמלט דער כאָר און אייניקע צופעליקע מענטשן. נאָך אַ שטרענגער אונטערזוכונג, וואָס האָט געדויערט



צוויי שעה, זיינען אַרעסטירט געוואָרן אַלע, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען, 58 מענער און פרויען. צווישן די אַרעסטירטע זיינען געווען אויך גראָדנער היימלאָזע. קיין שום פאַרדעכטיקס האָט מען ניט געפונען ניט אין קלוב, ניט ביי די אַרעסטירטע, פונדעסטוועגן האָט מען די אַרעסטירטע אָפּגעפירט אין זשאַנדאַרמעריע, וואו זיי האָבן פאַרבראַכט אַ גאַנצע נאַכט, און אויף מאָרגן האָט מען זיי אַוועקגעפירט אין לוקישקער טורמע און זיי זיינען פאַרמשפּט געוואָרן יעדערער צו 3 חדשים געפענגעניש. דער אַרעסט האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע צעדרודערונג אין דער גאַנצער יידישער געזעלשאַפט בכלל און ביי דער יידישער אַרבעטערשאַפט בפרט, באַזונדערס נאָך דערפאַר, וואָס אין שטאָט האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן אַ שלעכטער באַציאונג צו די אַרעסטירטע. אין „טאָג” איז ערשינען אַ שאַרפער אַרטיקל קעגן די רעפּרעסיעס פון דער ליטווישער מאַכט. קיין השתדלות מצד פּערזאָנען פון דער קהילה האָט ניט געהאָלפן. די זשאַנדאַרמעריע איז געווען „זיכער”, אַז אין קלוב איז פאָרגעקומען אַן אומדערלויבטע פאַרזאַמלונג. אַזוי איז אַוועק ביז 30־טן סעפּטעמבער, ווען ד״ר שאַבאַד און ד״ר קאָוואַרסקי האָבן אין נאָמען פון דער יידישער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי זיך געווענדט צום באַפולמעכטיקטן פאַר די אינוויניקסטע ענינים יאָנינאַס מיט אַ דרינגלעכער בקשה וואָס גיכער צו באַפרייען די אַרעסטירטע אין גראָסער־קלוב. די דעלעגאַציע האָט אויפגעוויזן אויף דער אומגעזעצלעכקייט פון אַרעסט, מחמת אין קלוב איז לחלוטין ניט פאָרגעקומען קיין „אומדערלויבטע” פאַרזאַמלונג, נאָר ס'זיינען אַהין פּשוט געקומען אָנטיילנעמער פון כאָר און אייניקע זייטיקע מענטשן צוליב צופעליקע ענינים, און אויב ס'וואָלט אַפילו יאָ פאָרגעקומען אַן אומדערלויבטע פאַרזאַמלונג, איז פאַר דעם געוויינלעך פאַראַנטוואָרטלעך דער פאָרזיצער, אָבער ניט אַלע פאַרזאַמלטע. ווייטער האָט די דעלעגאַציע אויפגעוויזן, ווי ווייט ס'איז שעדלעך פאַרן פּרעסטיזש און פאַר דער השפּעה פון דער נייער מאַכט גופא אויפצורייצן און אַרויסצורופן אומצופרידנקייט אין די אַרבעטער־קרייזן, וואָס גרופּירן זיך אַרום גראָסער־קלוב. יאָנינאַס האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט די דעלעגאַציע, האָט מסכים געווען, אַז יורידיש איז זי גערעכט, און האָט צוגעזאָגט איבערצורעדן וועגן דעם מיטן קאָמענדאַנט, ווייל די אַרעסטן זיינען פאָרגעקומען לויט זיין באַפעל, און אויך דערציילן וועגן דעם ענין דעם מיניסטאָרן־קאַבינעט. דעם 1־טן אָקטאָבער האָט יאָנינאַס געגעבן אַ תשובה, אַז דער גאַנצער ענין וועגן די אַרעסטירטע וועט אין עטלעכע טעג אַרום ליקווידירט ווערן. דאָס איז געשען שמחת־תורה, ווען ס'זיינען באַפרייט געוואָרן אַלע 58 אַרעסטירטע פון גראָסער־קלוב.

פון פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן אַנטוויקלט אַן ענערגישע טעטיקייט אַלע יידישע און ניט יידישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, אַחוץ די קאָמוניסטיש־געשטימטע, וואָס האָבן זיך ניט געלאָזט הערן, מחמת די וויכטיקסטע טוער און דער ווייט גרעסטער טייל פון די אָרדינאַרע טוער זיינען אין אַווגוסט אַוועק קיין רוסלאַנד.

**קולטור און בילדונג**.—נאָך פאַרן רעוואָקאָם האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אין ווילנע דער ליטווישער באַפולמעכטיקטער איבער די ענינים פון בילדונג ס. זשעמאַיטיס, וואָס האָט זיך נאָך דעמאָלט געווענדט מיט אַ בקשה צו אַלע פאַרוואַלטערס און אייגנטימערס פון שולן, ביבליאָטעקן און אַנדערע בילדונגס־אַנשטאַלטן צו פאַררעגיסטרירן זייערע אַנשטאַלטן אין דער קאַנצעלאַריע פון באַפולמעכטיקטן און געבן ידיעות לויט אַן אַנקעט־ליסטע. קיין שום ערלויבעניש אויף פאַרוואַלטן אַ שול און בכלל אויף לערנען פאָדערט זיך ניט. ס'איז גענוג בלויז צו פאַררעגיסטרירן זיך אין דער דערמאָנטער קאַנצעלאַריע. דאָס ליטווישע בילדונגס־מיניסטעריום האָט זיך ענערגיש גענומען באַפעסטיקן

אין ווילנע די אַלטע ליטווישע שולן און בויען נייע, עפענען קורסן אויף פאַרשיידענע געביטן, ברענגען אין אָרדענונג די ליטווישע ביבליאָטעק, אַרכיוו און מוזיי. נאָכמער, ער האָט זיך אפילו גענומען אויפריכטן דעם ווילנער אוניווערסיטעט, וואָס איז מיט דער עוואַקואַציע פון די פּאָליאַקן אין יולי פאַרמאַכט געוואָרן. ליטע פאַרמעגט ווייניק מאַטעריעלע מיטלען, ווייניק פּעדאַגאָגישע און אַקאַדעמישע כּוחות, ווייניק לערנביכער און לערן-מכשירים, ווייניק טוער,— פונדעסטוועגן האָט דער ליטווישער בילדונגס-מיניסטעריום פאַר סך-הכל אָנדערהאַלבן יאָר צייט אויפגעטאָן אין ליטע אַ געוואַלדיקע קולטורעלע אַרבעט, פּשוט צום באַוואונדערן, און איצט האָט דער מיניסטעריום גענומען אויף זיך די זייער שווערע אויפגאַבע צו שאַפן ניט בלויז אַ שול בכלל, נאָר אַפילו אַ הויכשול, און ניט אַ נאַציאָנאַלע בלויז אויף ליטוויש פאַר די ליטווינער, נאָר אַ הויכשול, וואָס זאָל באַפרידיקן די קולטורעלע באַדערפענישן פון אַלע אָרטיקע נאַציאָנאַליטעטן. ביז איצט איז אויפן געביט פון העכערער בילדונג נאָך זייער ווייניק אויפגעטאָן געוואָרן, מחמת ווילנע איז געווען אָפּגעריסן פון גאַנץ ליטע און קאָוונע האָבן די ליטווינער געהאַלטן בלויז פאַר זייער צייטווייליקער רעזידענץ. זיי האָבן ניט פאָראויסגעזען קיין מעגלעכקייט אין דער נאָענטסטער צוקונפט צו שאַפן צוויי אוניווערסיטעטן, אין קאָוונע און אין ווילנע, האָבן זיי באַשלאָסן דערווייל צו גרינדן אין קאָוונע בלויז פריוואַטע אוניווערסיטעטישע קורסן ביזן מאָמענט, ווען ווילנע וועט פאַראייניקט ווערן מיט גאַנץ ליטע. אין דעצעמבער 1918 איז אַפילו אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ אוניווערסיטעט-סטאַטוט, אָבער מחמת ס׳האָט זיך נאָך ניט איינגעגעבן אים דורכצופירן אין לעבן, האָט אַ גרופּע פּראָפעסאָרן אויסגעאַרבעט דעם סטאַטוט פון ז״ער ניי-געגרינדעטער געזעלשאַפט „העכערע קורסן", וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן אין דעצעמבער 1919, און די קורסן גופא האָבן זיך געעפנט דעם 27 יאַנואַר 1920. ווי נאָר די ליטווינער אָבער האָבן צוריק באַקומען זייער רעזידענץ, האָבן זיי אין ערשטן מאָמענט פון זייער טעטיקייט דאָ גענומען זיך פאַרן עפענען דעם היגן אוניווערסיטעט. נאָר אַזוי ווי דער בילדונגס-מיניסטעריום האָט איינגעזען, אַז צוליב טעכנישע תּנאים מוז זיך די עפענונג פונם אוניווערסיטעט פאַרציען ביז ניי-יאָר, איז באַשלאָסן געוואָרן אַריבערצופירן אַהער די קאָוונער העכערע קורסן מיט אַלע זייערע ביבליאָטעקן און לאַבאָראַטאָריעס. אויף די קורסן זיינען דאָ פינף פאַקולטעטן: הומאַניטאַרער, יורידישער, פיזיקאַליש-מאַטעמאַטישער, מעדיצינישער און טעכנישער. די דאָזיקע קורסן וועלן עס נאָכדעם רעאָרגאַניזירט ווערן אין אַ אוניווערסיטעט. צו לייענען די לעקציעס האָבן געזאָלט צוגעצויגן ווערן די בעסטע אויסלענדישע כּוחות: דייטשע, פּוילישע און רוסישע. די לעקציעס האָבן געזאָלט געלייענט ווערן אויף „אַ שפּראַ׳, וואָס איז פאַרשטענדלעך פאַר אַלע אָרטיקע איינוואוינער".

די ליטווינער האָבן געגעבן אַלע היגע נאַציאָנאַליטעטן נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלע אַווטאָנאָמיע און זיי האָבן גאַנץ גוט פאַרשטאַנען די האַרבקייט פון דעם ענין אוניווערסיטעט פאַר אַ פילשפּראַכיקער באַפעלקערונג אויף איין שפּראַך. ביי זייער דעמאָלטיקער געדריקטער פינאַנסיעלער לאַגע האָבן די ליטווינער געקענט, ווען הויך, גרינדן פאַקולטעטן און קאַטעדרעס פאַר די פּוילישע, יידישע און ווייסרוסישע שפּראַכן, ליטעראַטור און געשיכטע. זיי האָבן אָבער פאַרשטאַנען, אַז די פּאָליאַקן, יידן און ווייסרוסן ווילן עפּעס אַנדערש, אַז פיל פון זיי וואָלטן געוואָלט אַ גאַנצן אוניווערסיטעט אין דער אייגענער שפּראַך, וואָס זיי זיינען מאַטעריעל ניט געווען ביכולת אויסצופירן. זיי האָבן זיך אַרויסגעזאָגט צופרידנצושטעלן די דאָזיקע נאַציאָנאַליטעטן אויף אַזאַ אופן: אַזוי ווי אַלע קולטורעלע הצטרכותן פון די דאָזיקע פעלקער ווערן באַפרידיקט דורך



זייערע אַווטאָנאָמע ביודזשעטן, וואָלט די מלוכה מסכּים געווען צו גרינדן ביי יעדער ליטווישער קאַטעדרע אויך פאַראַלעלע קאַטעדרעס אויף די איבעריקע אָרטיקע שפּראַכן, נאָר די הוצאות זאָלן געדעקט ווערן אויפן חשבון פון די אַווטאָנאָמע ביודזשעטן. די דאָזיקע פעלקער וואָלטן געמוזט די דערמאָנטע קאַטעדרעס אויסהאַלטן אַליין און דערביי דעקן אויך אַ טייל פון די אַלגעמיינע אוניווערסיטעט-הוצאות. אַז דער פינאַנסיעלער מצב פון דער מלוכה וועט זיך ענדערן לטובה, וועט זיך ענדערן אויך דער מאָדוס פון אויסהאַלטן די פאַראַלעלע קאַטעדרעס.

אויפן יסוד פון דעם דאָזיקן פאָרשלאָג פון די ליטווינער איז אין די יידישע פאַראינטערעסירטע קרייזן אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּראָיעקט צו שאַפן ביים היסטאָריש-פילאָלאָגישן פאַקולטעט פון ווילנער אוניווערסיטעט אַ יודאַאיסטישע אָפּטיילונג. אַחוץ די אַלגעמיינע היסטאָריש-פילאָלאָגישע דיסציפּלינעס, ווערן אויף דער אָפּטיילונג געגרינדעט קאַטעדרעס פון ספּעציעל יידישע וויסנשאַפטן. אַהער גייען אַריין: 1) סיסטעמאַטישע און ספּעציעל העברעאישע פילאָלאָגיע; 2) פילאָלאָגיע פון יידיש און ווי אַן אַריינפיר צו איר—די פילאָלאָגיע פון דער גערמאַניסטישער שפּראַך; 3) יידישע געשיכטע; 4) געשיכטע פון די יידן אין ליטע און אין די שכנותדיקע לענדער; 5) געשיכטע פון דער אוראַלטער און נייער יידישער ליטעראַטור; 6) געשיכטע פון דער יידישער פילאָסאָפיע; 7) געשיכטע און סיסטעם פון דער יידישער יוריספּרודענץ און 8) יידישע עטנאָגראַפיע, דעמאָגראַפיע און עקאָנאָמיק.

די דאָזיקע אַכט דיסציפּלינעס האָבן געזאָלט בילדן אַן אָפּטיילונג פון פאַקולטעט אין צוזאַמענהאַנג מיט די אַלגעמיינע קורסן פון אַלגעמיינער געשיכטע, געשיכטע פון ליטע און אַנטראָפּאָלאָגיע. די אָפּטיילונג דאַרף האָבן אַלע רעכט פון אַ זעלבשטענדיקן פאַקולטעט, האָבן בראָש אַ ספּעציעלן דעקאַן און געבן רעכט אויף די געהעריקע מדרגות פון געלערנטע. דער צוועק פון דער אָפּטיילונג איז צו דינען פאַר אַ פלאַנצנשול פון העכערע וויסנשאַפטן פאַר די ליטווישע בירגער פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט און צוצוגרייטן אַ קוואַליפיצירטן און וויסנשאַפטלעך צוגעגרייטן פּעדאַגאָגישן פּערסאָנאַל פאַר די יידישע שולן.

• די ליטווינער האָבן געעפנט אויך אַ טעכניקום אין ווילנע, וואו ס׳האָבן זיך פאַרשריבן אַ סך יידישע יונגעלייט.

פאַר די פאָלקסשולן און מיטלשולן פון די נאַציאָנאַליטעטן אין ווילנע האָט די ליטווישע רעגירונג אויך אַרויסגעוויזן פיל פאַרשטענדעניש. זי האָט זיך דער עיקר אינטערעסירט, אַז דער אונטעררייכט און דער חינוך אין שול זאָל אַרומנעמען וואָס ברייטערע מאַסן פון דער באַפעלקערונג. יעדע פּאָליטיק איז פון שול געווען אויסגעשלאָסן. די ליטווישע רעגירונג האָט ניט געשאַפן קיין שום אָפיציעלע השגחה, קיין שום באַזונדערע אַפּוטראָפּסות איבער דער שול, וואָס איז געווען לחלוטין פריי אין איר אַנטוויקלונג. דער פריוואַטער איניציאַטיווע איז געגעבן געוואָרן ברייטע פרייהייט, די רעגירונג האָט איר אַפילו לויט מעגלעכקייט געהאָלפן. יעדע נאַציאָנאַליטעט האָט געהאַט פולע רעכט אויף איר אייגענער שול אין איר אייגענער שפּראַך. ליטוויש האָט די רעגירונג קיינעם ניט אָנגעבונדן. זי האָט גערעכנט, אַז איטלעכער בירגער וועט מחמת מאַטעריעלע אָדער מאָראַלישע מאָטיוון אַליין פאַרשטיין די נייטיקייט צו קענען ליטוויש. זי האָט אויף זיך גענומען אויסצוהאַלטן אויף אירע הוצאות די געזעלשאַפטלעכע שולן און צו זיכערן זייערע בנינים.

אָבער אויך די דאָזיקע אַלע גוטע התחלות און פּלענער איז ניט באַשערט געווען דורכגעפירט צו ווערן.

אַלע ווילנער נאַציאָנאַליטעטן האָבן אַנטוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט אויף אַלע געביטן פון זייערע נאַציאָנאַלע קולטורן. באַזונדערס האָבן זיך אין דעם אויסגעצייכנט די ווייס-

רוסן, וואָס האָבן געאַרבעט מיט אַ פיבערדיקער ענערגיע. דער ווייסרוסישער לערער־פאַראיין, וואָס האָט אויפגעטאָן אַ סך אויפן שול־געביט און אויפן געביט פון אויפהייבן דעם באַוואוסטזיין פונם ווייסרוסישן פאָלק פאַר זיין נאַציאָנאַלער שפּראַך און קולטור, האָט דעם 3־טן אָקטאָבער איינגעאָרדנט אין דער ווייסרוסישער גימנאַזיע אַ טרויער־אָוונט נאָכן פילגעליטענעם גרויסן ווייסרוסישן דיכטער אַלעקסאַנדער פּרושינסקי („אַלעס האַרון"), וואָס איז אָן אַ צייט געשטאָרבן אין קרים.—די ווייסרוסן האָבן מיט אַ זעלטענער ליבע נאָך דער איבערגעריסענער אַרבעט ווידער גענומען זיך שאַפן און אַנטוויקלען זייער טעאַטער. דער ווייסרוסישער פאַרלאַג אין ווילנע איז צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן אַ גאַנצע סעריע פּעדאַגאָגישע, פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע און בעלעטריסטישע ליטעראַטור.

די פּאָליאַקן האָבן געאַרבעט אויף זייער שטייגער נאָך ענערגישער ווי ביז אַהער.

אויך די יידישע קולטור־געזעלשאַפטן האָבן געאַרבעט ענערגיש. די שול־אַרבעט איז געגאַנגען גאַנץ לעבעדיק. די שולן האָבן געהאַט גרויסע האָפענונגען, אַז אָט־אָט וועלן זיי געזיכערט אין זייער קיום מצד דער רעגירונג און די לערער וועלן זיך סוף־כל־סוף קענען אָפּגעבן רואיק דער פּעדאַגאָגישער טעטיקייט. אַפילו דער טרויעריקער פאַקט, וואָס ס'האָבן זיך פאַרמאַכט די יידישע קינדער־קיכן, האָט די לערער ניט אַריינגעבראַכט אין יאוש, זיי האָבן געהאָפט און געוואַרט.

די ביבליאָטעקן און לייענזאַלן זיינען פול געווען מיט אַבאָנענטן און לעזער, ווייל דער יקרות איז געפאַלן, דער הונגער איז אויף אַ סך פאַרקלענערט געוואָרן און האָט געהאַט אַ טענדענץ אינגאַנצן צו פאַרשווינדן, און מ'איז מיטן לעבן זיכערער געוואָרן. אָבער נאָך פולער זיינען געווען די ווילנער טעאַטערס און קינאָס. די טעאַטערס ביי די „אומות העולם" זיינען דווקא געגאַנגען אויפן וועג פון אַנטוויקלונג צו אַ ריינעם רעפּערטואַר און צו ריינער קונסט. דאָס קען מען אָבער, צום גרויסן באַדויערן, ניט זאָגן וועגן אונזער טעאַטער, וואָס איז געווען אַ שונד־טעאַטער פון ערגסטן מין. און אונזער טעאַטער־געזעלשאַפט, וואָס האָט אַזוי ענערגיש אָנגעהויבן, איז צום סוף אינגאַנצן צעפאַלן. אַ ביסל געראַטעוועט די לאַגע האָט אסתר־רחל קאַמינסקאַ מיט איר טאָכטער אידאַ, וואָס זיינען געקומען אַהער פון מינסק מיט זייער טרופּע אויף גאַסטראָלן. פון 11־טן סעפּטעמבער אָן ביזן סוף פון דער ליטווישער הערשאַפט אין ווילנע האָט קאַמינסקאַס טרופּע געגעבן אַ גאַנצע ריי פון ריינערע טעאַטער־שטיק.

לויט דער איניציאַטיווע פון אַ גרופּע כלל־טוער אין ווילנע, איז לכבוד דעם 60־טן געבורטסטאָג פונם גרויסן יידישן היסטאָריקער שמעון דובנאָוו איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פייערונג פרייטאָג ה' תשרי תרפ"א (17 סעפּטעמבער 1920) אין קרענגלס־זאַל. די פייערלעכע פאַרזאַמלונג האָט געעפנט מיט אַ רעדע ד"ר צ. שאַבאַד. אין נאָמען פון יידישן זשורנאַליסטן־פאַראיין האָט גערעדט זלמן רייזען, אין נאָמען פון צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט—י. רובין, אין נאָמען פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי—ד. קאַפּלאַן־קאַפּלאַנסקי. נאָכדעם איז מיט וואַרימע אַפּלאָדיסמענטן אָנגענומען געוואָרן דער פאָרשלאָג פון ד"ר שאַבאַד צו באַפולמעכטיקן די יובליי־קאָמיסיע אויסצואַרבעטן אַ באַגריסונג דובנאָוון אין נאָמען פון אַלע קולטור־געזעלשאַפטן מיט דער ווענדונג, אַז דער גרויסער יידישער היסטאָריקער „זאָל דירעקט העלפן דעם ליטווישן יידנטום אויפצובויען אין ווילנע די הויכע שול פאַר יידישער וויסנשאַפט".

די ריינע הכנסה פון דער דאָזיקער פייערלעכער פאַרזאַמלונג האָט געזאָלט פאַרווענדט ווערן אויף אַ פּרעמיע פאַר אַ מאָנאָגראַפיע וועגן לעבן און שאַפן פון יובילאַר.

זונטאָג ז' תשרי (19 סעפּט.) איז אין קרענגלס זאַל פאָרגעקומען די פייערונג פון ש. דובנאָווס 60־יאָריקן יובליי פאַר עלטערע שילער פון ווילנער שולן, אָנהייבנדיק פון 5־טן לערניאָר. די אויפקלערונג פון דובנאָווס פּערזענלעכקייט און זיינע אויפטוען פאַרן יידישן פאָלק האָט איבערגעלאָזט אויפן יונגן עולם אַ גוטן איינדרוק.

אויפן געביט פון פּרעסע פאַר דער ליטווישער צייט אין ווילנע קען מען אָנווייזן אויף זייער ווייניק אויסגאַבן. אויף ליטוויש איז אַרויסגעגאַנגען „Vilniaus Aidas" (ווילנער עכאָ), אויף פּויליש—„Wiadomości Wileńskie" (ווילנער נאַכריכטן—רעד. בירזשישקאַ) און „Gazeta Krajowa" (די צייטונג פון קאַנט,—אויסגאַבע פון די ווילנער פּאָליאַקן), אויף רוסיש „Литва" (ליטע—רעד. בירזשישקאַ) און „Виленское слово" (ווילנער וואָרט,—פּריוואַטע), אויף יידיש—„טאָג". דאָס צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ווי שוין דערמאָנט, האָט זיך געגרייט אַרויסצוגעבן אַן אָרגאַן אויף די היגע שפּראַכן, אויך אויף יידיש; די ליטווישע רעגירונג האָט זיך געגרייט אַרויסצוגעבן אַן אָרגאַן אויף יידיש; דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער „בונד" האָט זיך געגרייט אַרויסצוגעבן אַן אָרגאַן „די שטימע פון בונד"; די ציונים האָבן געפּלאַנעוועט אַריבערצופירן פון קאָוונע קיין ווילנע די „אידישע שטימע" אָדער עפענען דאָ אַ באַזונדערע צייטונג; פּריוואַטע אונטערנעמער האָבן זיך אויך געקליבן אַרויסצוגעבן צייטונגען. הכלל, ס'האָט זיך גענומען רודלען.

אונזער ליטעראַטור האָט פאַר די זעקס וואָכן ווייניק נייס געגעבן. אָבער מ'האָט זיך ערשט גענומען גרייטן. ס'האָבן זיך געגרייט געזעלשאַפטלעכע און פּריוואַטע אַרויסגעבער. ס'האָט זיך דער נאַציאָנאַל־ראַט פון קאָוונע געגרייט אַריבערצופאָרן קיין ווילנע און האָט געהאַט בדעה צו פאַרמעסטן זיך גאָר ברייט אויפן נאַציאָנאַל־קולטורעלן געביט.

בקיצור ס'זיינען אויף אַלע געביטן געגאַנגען הכנות צו אַ נייעם לעבן, מ'האָט געגלויבט און מ'האָט געהאָפט...

אין דער יידישער ווילנע. — דער פאָרזיצער פון ליטווישן קאָמיטעט און ליטווישער היסטאָריקער מיקאָלאַס בירזשישקאַ און דער באַפולמעכטיקטער פאַר אינווייניקסטע ענינים פון ווילנע און איר קרייז איגנאַטיוס יאָנינאַס האָבן קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז „ס'וועלן צוגעצויגן ווערן אַלע אָרטיקע שאַפערישע כוחות, וואָס וועלן בילדן דעם נייטיקן רעגירונגס־אַפּאַראַט, ווייל נאָר די אָרטיקע כוחות, וואָס זיינען גוט באַקאַנט מיט די ספּעציפישע תנאים פונם באַפרייטן קאַנט, קענען מיט הצלחה אַרבעטן לטובת ליטע; אַז אַ באַזונדערס בכבודיקער אָרט וועט אָפּגעגעבן ווערן דער פּראָבלעם, ווי אַזוי אויפן בעסטן אופן צו באַפרידיקן די באַדערפענישן פון די פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן פון ווילנע און דעם קאַנט. קאָוונע קען אין דעם פּרט דינען פאַר אַ ביישפּיל: די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיע ווערט דאָרטן דורכגעפירט אין פולן זין פון וואָרט. די רעגירונג זעט דורכאויס אויסצומיידן אַריינצומישן זיך אין די אינווייניקסטע ענינים פון די אָרטיקע נאַציאָנאַליטעטן, זי מישט זיך ניט אין די אינווייניקסטע ענינים פון יידישן פאָלק און לאָזט דאָס איבער דער העכסטער יידישער רעפּרעזענטאַנץ, דעם יידישן מיניסטעריום. די ליטווינער שטרעבן צו פאַרווירקלעכן זייער אידעאַל, וואָס פירט ליטע אויפן וועג פון אַלגעמיינעם גליק, וואו אַלע איינוואוינער אָן אונטערשייד וועלן זיך שפּירן ווי גלייכע צווישן גלייכע".

די ליטווישע רעגירונג האָט געמאָלדן אָפיציעל וועגן אירע שטרעבונגען און צילן בנוגע צו די נייע ליטווישע טעריטאָריעס. דער ערשטער טריט אירער וועט זיין—אַיינפירן

זעלבסטפאַרוואַלטונג, כדי ס׳זאָל קלאָר ווערן דער פאָלקסווילן. כדי מ׳זאָל קענען דורכפירן די וואַלן צו דער זעלבסטפאַרוואַלטונג, וועט מען מוזן מאַכן אַ פאָלקסציילונג, אַיינפירן נייע פעסער און צוזאַמענשטעלן די ליסטעס פון די אַיינוואוינער, וואָס וועלן האָבן וואַלרעכט. די אָרגאַנען פון זעלבסטפאַרוואַלטונג וועלן נאָכדעם קענען דורכפירן די וואַלן צו דער קאָנסטיטואַנטע, תיכף, ווי עס וועט נאָר מעגלעך זיין. פון אַלע נייע טעריטאָריעס וועלן קענען אויסגעוויילט ווערן 60–65 דעפוטאַטן, צו איין דעפוטאַט אויף יעדע 15000 אַיינוואוינער. יעדע נייע טעריטאָריע וועט קענען דורך דער סיים־טריבונע אַרויסזאָגן אירע באַדערפענישן און פאָדערונגען. יעדער בירגער, אָן אונטערשייד פון אמונה און נאַציאָנאַליטעט, האָט פולקומע רעכט צו אַרבעטן פראָדוקטיוו פאַר דער מלוכה האַנט בײַ האַנט, אַלע דאַרפן גיין צו דער אַרבעט און אַלע וועלן טראָגן גלייך די אחריות.

די דאָזיקע גאַנצע פראָגראַם האָט מען אָנגעהויבן דורכפירן אין ווילנע בכלל און אין דער יידישער ווילנע בפרט.

מיטן דאָזיקן צוועק זיינען זונטאָג דעם 5־טן סעפטעמבער געקומען פון קאָוונע קיין ווילנע דער מיניסטער פאַר יידישע ענינים אין ליטע, ד״ר מ. ס אָ ל אָ וו ײ ט ש י ק, און די מיטגלידער פונם קאָנסטיטואירנדיקן סיים אַדוו. ש. ר אָ ז נ ב ו י ם און ד״ר ר אַ כ מ י ל ע װ י ט ש.

די ידיעה וועגן דעם קומען פון די קאָוונער געסט האָט זיך גיך פאַרשפרייט אין שטאָט און האָט אַרויסגערופן אַ התעוררות אין דער יידישער געזעלשאַפט. די ווילנער יידישע קהילה, וואָס איז געווען דערדריקט מחמת אויסווייניקסטע און אינווייניקסטע סיבות, האָט זיך מיט אַמאָל אויך אויפגעכאַפּט. דער פרעזידיום האָט אויפגערופן אויף מאָרגן מאָנטאָג דעם 6־טן סעפט. (כ״ג אלול) אַ פלענאַרע זיצונג, וואָס אויף איר האָבן געדאַרפט קומען די פאָרשטייער פון קאָוונע.

די זיצונג איז געווען אַ פייערלעכע. ס׳איז געקומען דער גאַנצער פלענום און דער קהילה־זאַל איז געווען פול פון זייטיקן עולם. אַלע זיינען געווען יום־טובדיק געקליידט און אַלץ האָט געטראָגן אַ יום־טובדיקן כאַראַקטער. זעקס אַ זייגער האָט דער פאָרזיצער פון דער קהילה ד״ר י ע ק ב װ י ג אָ ד ס ק י געעפנט די זיצונג און האָט ערקלערט, אַז אויפן סדר־היום שטייען וואַלן צו אַ נ ײ ע ר ק ה י ל ה און אַ באַריכט וועגן דער טעטיקייט פון דער קהילה אין משך פון די לעצטע פאָר חדשים פון די מהומות; אַז די קהילה האָט שוין לאַנג אָנגענומען די נייטיקע טריט וועגן נייע וואַלן, וואָס זיינען ניט דורכגעפירט געוואָרן בלויז מחמת אויסווייניקסטע גרויסע מניעות, און אַז נאָר איצט וועט דאָס מעגלעך זיין, ווייל דער מיניסטער פאַר יידישע ענינים אין דער ליטווישער רעגירונג האָט דאָס מבטיח געווען. דאָס זעלביקע האָט ערקלערט אויך דער מיטגליד פון פרעזידיום ה׳ יעקב שעסקין. דאַן האָט דער פלענום פה־אחד געשטימט פאַר דער החלטה פון פרעזידיום לטובת נייע וואַלן. נאָכדעם האָט ה׳ א ל י ע ז ר ק ר ו ק אָפּגעגעבן אַ קורצן דין־וחשבון וועגן דער טעטיקייט פון דער קהילה און האָט אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער גרויסער אַרבעט פון דער קהילה אין דעם געפערלעכן פעריאָד פון רדיפות קעגן דער יידישער באַפעלקערונג, ווען דער פרעזידיום איז געשטאַנען אויף דער וואַך פון די יידישע כלל־אינטערעסן און האָט אין דער זעלביקער צייט אויך ניט פאַרגעסן דעם יחיד, אָבער איצט, ווען ס׳האָבן זיך אויסגעשעפּט אַלע מקורים פון הכנסה פאַר דער קהילה און זי באַקומט שוין מער ניט קיין פראָדוקטן פאַר אירע מוסדות, איצט מוז די יידישע באַפעלקערונג אַליין קומען צו הילף און ניט דערלאָזן דעם חורבן פון די געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן בכלל און די ק י נ ד ע ר־אַ נ ש ט אַ ל ט ן בפרט.



דער סדר־היום איז געווען אויסגעשעפּט און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגע הפסקה. צום סוף זיינען געקומען די ערוואַרטעטע געסט פון קאָוונע און דער פאָרשטייער פון דער ליטווישער רעגירונג אין ווילנע י אָ נ י נ אַ ס. דער פאָרזיצער ד״ר וויגאָדסקי האָט די געסט פאָרגעשטעלט פאַר דער קהילה און פאַרן עולם און האָט נאָכדעם בקיצור איבערגעגעבן די טרויעריקע געשיכטע פון ליטע, וואָס האָט זיך אין משך פון גאַנצע דורות געפונען אין קנעכטשאַפט און האָט סוף כל סוף דערלעבט די טעג פון איר באַפרייאונג. דער רעדנער האָט אָנגעוויזן אויף די בשותפותדיקע אינטערעסן פון די ליטווינער און די יידן, וואָס האָבן ביידע דעם רצון צו אַ פרידלעכן צוזאַמענלעבן לטובת דעם לאַנד, און ער האָט אויסגעדריקט זיין פולסטן בטחון אין דעם גליקלעכן עתיד פון דער ליטווישער מלוכה, וואו די יידן וועלן בלי שום ספק באַקומען אַלע בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט בהסכם מיטן יושר און מיט די שטרעבונגען פון יידישן פאָלק. נאָכדעם האָט ד״ר וויגאָדסקי אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז שוין פון די ערשטע טעג פון דער ליטווישער רעגירונג איז שוין צו באַמערקן, אַז יידן ווערן זייער שוואַך אָנגענומען אויף שטעלעס, למשל, אויף די אייזנבאַנען, אין דער מיליציע וכדומה. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז זיכער, אַז דערין שטעקט ניט קיין בייזער ווילן מצד דער רעגירונג, אָבער בכל אופן לייגט זיך דאָס ווי אַ שווערער שטיין אויפן האַלז פון יידישן אַרבעטער און אָנגעשטעלטן, און די ליטווישע רעגירונג מוז זיך מיט דעם רעכענען; אויך דאַרף זי ניט איגנאָרירן די יידישע שפּראַך, און אַלע אָפיציעלע דאָקומענטן מוזן אין ווילנע געדרוקט ווערן אויך אין דער יידישער שפּראַך.

דאַן האָט דער מיניסטער פאַר יידישע ענינים אין ליטע, ד״ר ס אָ ל אָ װ ײ ט ש י ק, איבערגעלייענט זיין דעקלאַראַציע:

„אין נאָמען פון דער רעגירונג און אין נאָמען פון דער יידישער באַפעלקערונג פון יענעם טייל ליטע, וואָס זייער געמיינזאַמער צוטרוי האָט מיך אַוועקגעשטעלט אויף מיין פאָסטן, באַגריס איך דעם ווילנער ועד־הקהילה, און אין זיין פערזאָן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון דער ליטווישער הויפּטשטאָט, פון דעם גרעסטן ישוב און צענטער פון ליטווישן יידנטום. ס׳האָט גענומען אַ סוף צו דער אומנאַטירלעכער צעריסנקייט פון דעם אייניקן ליטווישן יידנטום, וואָס איר האָט פון איר אַזוי פיל געליטן, און אפשר ניט ווייניקער פאַר אייך האָט געליטן אויך די בייזאיטיקע פרייע ליטע, וואָס האָט ניט געהאַט קיין יניקה פון איר נאַטירלעכן ווירטשאַפטלעכן און קולטורעלן מקור און איז מחמת דעם ניט געווען בכוח צו שאַפן דאָס אַלץ, צו וואָס די גינסטיקע פּאָליטישע תנאים האָבן איר געגעבן די מעגלעכקייט.

„ס׳איז געקומען אַ סוף צו דער שרעקלעכער ריי אָקופּאַציעס, און די רעגירונג און דאָס פאָלק פון ליטע זיינען דורכגעדרונגען מיט אַן אומצעטרייסלבאַרן ווילן, אַז די אָקופּאַציע, וואָס האָט זיך ערשט געענדיקט, זאָל זיין די לעצטע, אַז ס׳זאָל זיך פון איצט אָן אָנהייבן אַ פעריאָד פון אַ פרייער און פרידלעכער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט און מיט איר צוזאַמען--פון דער גאַנצער מלוכה.

„אין דעם דאָזיקן פייערלעכן מאָמענט וויל איך זיך ניט אָפּשטעלן אויף די פינסטערע טעג, וואָס איר, ברידער, האָט דאָ דורכגעלעבט אָן אונז און וואָס זייער שוואַרצן שאָטן זע איך נאָך אויף אַייערע געזיכטער. איך ווינטש אַייך נאָר, אַז די אָנגעהויבענע תקופה פון פּאָליטישער און נאַציאָנאַלער פרייהייט זאָל אַייך געבן מוט און כוח וואָס גיכער אָפּצומעקן די אַלע שרעקלעכע זכרונות, וואָס דריקן אַייך און ברענגען אַייך צו נידערגעשלאָגנקייט. די דריקנדיקע קייט פון די אָקופּאַציעס האָט צעטרייסלט אַייער פּסיכיק. זי איז אָבער ניט געווען ביכולת צו פאַרטונקלען אין אַייך דעם באַוואוסטזיין פון אַייער אומצעטרייסלבאַרער, נאַטיר־

לעכער און עלעמענטאַרער צוגעהעריקייט צו דער ליטווישער מדינה. דורך אַלע אָקופּאַציעס האָט איר דורכגעטראָגן דעם דאָזיקן באַוואוסטזיין, און די פרייע אויפגעלעבטע ליטע, וואָס איז איצט צוריקגעקומען צו אַייך—וועט דאָס אַייך קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

„ראיות, אַז ווילנע איז ליטע, זיינען לחלוטין איבעריק און אומזיניק. די געשיכטע פון דער שטאָט און פון גאַנצן קאַנט רעדט אַ צו=איינדייטיקע שפּראַך, אָבער די פאַרבּרעכערישע שטרעבונגען פון אונזערע אימפּעריאַליסטישע שכנים האָבּן אונז געצוואונגען אויפצווייזן אונזערע רעכט אויף דעם לעבּנס=נערוו פון אונזער מדינה. און ווען אונזערע קעגנער האָבּן אין זייער אַרגומענטאַציע קעגן אַלע היסטאָרישע און עקאָנאָמישע נויטווענדיקייטן אָפּערירט מיט דעם כּלומרשטדיקן ווילן פון דער איצטיקער באַפעלקערונג, האָבּן מיר, אַלע אויפבּויער פון ליטע, אָנגעוויזן אויף אַייך ווי אויף די לעבּעדיקע טרעגער פון דער ליטווישער מדינה=שאַפט. צוגלייך מיט די היסטאָרישע ליטווישע הייליקטימער זייט איר יידן פון ווילנע געוועזן דער וויכטיקסטער לעבּעדיקער משכּון פון ליטע אין איר אָקופּירטער הויפּטשטאָט, און איצט זיינען מיר געקומען אויסקויפן דעם משכּון. מיר האָבּן אים אויסגעקויפט—איר זייט פריי געוואָרן, און אַייער באַפרייאונג איז אַ סימבּאָל פון דער ענדגילטיקער באַפרייאונג פון ליטע. און איצט ליגט אויף אַייך דער חוב צו בּויען צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע בּירגער, מיט אַלע אירע נאַציעס, דעם בּנין פון דער ליטווישער דעמאָקראַטיע. צו דער הויכער אויפגאַבּע רופט אַייך די רעגירונג און דאָס יידישע פאָלק.

„די רעגירונג האָט באַשלאָסן תּיכּף אָנצונעמען אַלע מיטלען, כּדי דורכצופירן וואַלן אין די אָרגאַנען פון דער אָרטיקער זעלבּסט=פאַרוואַלטונג און צוזאַמען דערמיט צו שאַפן די מעגלעכקייט פון די וואַלן צום קאָנסטיטואירנדיקן סיים. די אַלע וואַלן וועלן דורכגעפירט ווערן אויפן יסוד פון דער פּראָפּאָרציאָנעלער סיסטעם, וואָס וועט גאַראַנטירן די גערעכטע צאָל פאַרטרעטער אין די אַלע אָרגאַנען, פאַר אַלע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע גרופּירונגען. די רעגירונג ערוואַרט די ענערגישע מיטאַרבּעטערשאַפט פון אייערע פאַרטרעטער אין סיים בּיים פאַרענטפערן די אַגראַר=פראַגע און בּיים אויסאַרבּעטן די קאָנסטיטוציע, די צווייטע וויכטיקסטע אויפגאַבּן פון אונזער געזעצגעבּערישער קאַמער. צוגלייך מיט די אויבּנדערמאָנטע וואַלן מוזן וואָס גיכער פאָרקומען די וואַלן אין די אָרגאַנען פון אונזער נאַציאָנאַלער זעלבּסטפאַרוואַלטונג—אין דער קהילה—אויפן יסוד פון קהילות=געזעץ, וואָס וועט געבּן די מעגלעכקייטן אייערע מיטגלידערן אייער אַרבּעט אין דער אַרבּעט פון העכסטן אָרגאַן פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אַוטאָנאָמיע, דעם „יידישן נאַציאָנאַל=ראַט אין ליטע“. דער באַנד, וואָס פאַרבּינדט די אַלגעמיין=בּירגערלעכע אויפגאַבּן מיט די נאַציאָנאַלע—דאָס זיינען די אַזויגערופענע רעכטלעכע גאַראַנטיעס פון די נאַציאָנאַלע מיעוטים. אין דעם אויפרוף צו די בּירגער פון ווילנע, וואָס די רעגירונג וועט אין אייניקע טעג אַרום פּובּליקירן, וועט דערקלערט ווערן, אַז די גאַראַנטיעס וועלן געשאַפן ווערן, און אַלס זייער פאַרקערפּערונג ספּעציעל פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער מינאָריטעט—וועט געשאַפן ווערן אַ פּאָסטן פון אַ צייטווייליקן פאַרטרעטער פון דעם מיניסטער פאַר יידישע ענינים פאַרן ווילנער באַצירק און ס'וועלן אויך אָנגענומען ווערן נאָך אַ גאַנצע ריי שריט, כּדי צו דערנעענטערן די אָרגאַנען פון דער מאַכט צו דער יידישער באַפעלקערונג און די יידישע באַפעלקערונג—צו די אָרגאַנען פון דער מאַכט.

„לפי דער פּאָליטישער אויפפאַסונג, וואָס האָט אונז געפירט אין אונזער גאַנצער אַרבּעט, זעען מיר אין דעם מינאָריטעטן=שוץ ניט אַ שוץ פון די מינאָריטעטן קעגן דער מדינה, נאָר אַ





שוץ פון דער מדינה קעגן איר געפערלעכסטן שונא—קעגן דער אומצופרידנקייט פון אירע בּירגער. געפינען פאַר די דאָזיקע גאַראַנטיעס די געזעצלעכע פאָרמען פון אַ לעבּנספעאיקער אַווטאָנאָמיע איז איינע פון די גרעסטע מלוכהשאַפטלעכע אויפגאַבּן פון דער אויפגעלעבּטער ליטע. די געזעצלעכע פאָרמען מוזן גענוי באַשטימען דעם היקף פון דער קאָמפּעטענץ פון די אָרגאַנען פון דער נאַציאָנאַלער זעלבּסטפאַרוואַלטונג און יעדער אַריבּערטרעטן מחוץ לתּחום פון דער קאָמפּעטענץ איז פאַרבּונדן מיט דער סכּנה צו פאַרוואַנדלען אונזער נאַציאָנאַלע אַווטאָנאָמיע אין אַ געטאָ.

„די רעכטלאָזע לאַגע, וואָס מיר האָבּן זיך אין איר געפונען אונטער די אָקופּאַציעס, האָט געפירט דערצו, אַז די טעטיקייט פון די קהילות, און פון דער ווילנער קהילה בּפרט, האָט אַרומגענומען אַזעלכע ספערן פון טעטיקייט, וואָס זיינען גאָר די אויפגאַבּע פון די אַלגעמיינע מדינה=אָרגאַנען אין יעדער אָרגאַניזירטער מלוכה. צום רעכטלאָזן מצב איז געקומען אַ סוף און די רעגירונג רופט אַייך צו אַן ענערגישער מיטאַרבּעט אין אַלע אַלגעמיינע אָרגאַנען. די מיטאַרבּעט אין די אָרגאַנען איז די בּעסטע גאַראַנטיע פון אונזער פולבּאַרעכטיקונג, און די רעגירונג וועט געפינען די נייטיקסטע מיטלען צו פאַראייניקן די אומבאַדינגטע רעכט פון דער מדינה=שפּראַך מיט דער פאָדערונג פון דער פּאָליטישער ווירקלעכקייט.

„דאָס זיינען אונזערע, דאָס זיינען אייערע אויפגאַבּן. פון דער הויכער טריבּונע רוף איך די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון ווילנע מיטאַרבּעטן אין דעם בּנין, וואָס מיר בּויען. און די ווילנע, וואָס איז געווען דער צענטער פון אונזער אַווטאָנאָמיע אין 17=טן יאָרהונדערט, די ווילנע, וואָס איז געווען דער מרכּז פון אַלע קולטורעלע און סאָציאַלע באַוועגונגען פון דער אויפלעבּנדיקער יידישער נאַציע—די ווילנע וועט אויך לייגן דעם יסוד פון אַ פרייען יידישן בּירגערטום אין ליטע, וועט העלפן אויפבּויען איר אומאָפּהענגיקייט, וועט שאַפן נייע גרויסע ווערטן אויף אַלע געבּיטן פון אונזער נאַציאָנאַלער יצירה“.

די דאָזיקע רעדע איז באַגעגנט געוואָרן מיט אַ יובל פון אָוואַציעס פון גאַנצן קהילה=זאַל. מיט אָוואַציעס איז אויפגענומען געוואָרן אויך דער באַפולמעכטיקטער פון דער ליטווישער רעגירונג פאַר אינווייניקסטע ענינים איגנאַטיוס יאָנינאַס, וואָס האָט גענומען דאָס וואָרט און וואָס איז געווען באַשיינפערלעך גערירט פונם אומגעריכטן האַרציקן קבּלת=פּנים. ער האָט גערעדט ליטוויש און האָט געזאָגט:

„געערטער פּרעזידיום און געערטע בּירגער! דעם ערשטן מאָל נאָך דער שווערער אָקופּאַציע קלייבּט זיך צונויף די ווילנער קהילה. דעם ערשטן מאָל האָבּ איך די געלעגנהייט צו ריידן צו אַייך, ווען פאַר אונז שטייט שוין מער ניט קיין סכּנה פאַר אָקופּאַציע, און מיר האָפן, אַז די שטורימס פון די פאַרשיידענע אָקופּאַציעס וועלן זיך שוין מער ניט אומקערן. אַ סך יאָרן האָבּן די ליטווינער מיט די יידן צוזאַמען געאַרבּעט. די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע פון יאָר 1789 האָט פּראָקלאַמירט די פרייהייט פון פעלקער, וואָס ווערט בּיסלעכווייז דורכגעפירט אין לעבּן. בּיי אונז, ליטווינער, איז די פּראַקטישע דורכפירונג פון דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג פאַרווירקלעכט געוואָרן מיט אַ סך הונדערטער יאָרן צוריק. וויטאָווט האָט דער ערשטער דערוויזן, ווי די מלוכה דאַרף זיך באַגיין מיט אירע בּירגער און זיי צוציען צו דער מלוכה=אַרבּעט. נאָך אין יענע צייטן, ווען אין מערב=אייראָפּע האָט מען געהעצט קעגן יידן, האָט שוין וויטאָווט אַרויסגעגעבּן אַ געזעץ, וואָס האָט באַשטימט די גרעסטע שטראָף פאַרן העצן קעגן יידן און געגעבּן די יידן די מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן

זייערע קהילות. צום באַדויערן, האָבן די קהילות געמוזט צייטווייליק פאַרלירן זייער מאַכט, און איצט, נאָכן פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן, ווען מיר הייבן אָן ווידער צו בויען די ליטווישע מדינה, שטייען די יידן האַנט ביי האַנט מיט אונז.

„אָט דאָ ביים פּרעזידיום-טיש זיצט דער פּאָרזיצער פון דער ווילנער יידישער קהילה, ד״ר וויגאָדסקי, וואָס איז דער ערשטער אַריינגעטראָטן אין דער ליטווישער רעגירונג. צווישן אונז געפינט זיך אַ מענטש, וואָס האָט מער פון אַנדערע מיטגעהאָלפן דער שאַפונג פון דער ליטווישער רעפּובליק. אומעטום, אין פּאַריז, אין מאָסקווע א. א. וו., האָט ער געשיצט די אינטערעסן פון ליטע. דאָס איז הער ד״ר ראָזנבוים. דערפאַר ווינטשן מיר אים לאַנג לעבן און געזונט. צווישן אונז געפינט זיך אויך אַ מענטש, וואָס האָט אַ סך געאַרבעט, כדי אויפצובויען די עקאָנאָמישע לאַגע פון ליטע. דאָס איז ה׳ ד״ר ראַכמילעוויטש. גרויסע פאַרדינסטן האָט דער מיניסטער פאַר יידישע ענינים ה׳ ד״ר סאָלאָווייטשיק. זיי אַלעמען קומט אַן אויפריכטיקער דאַנק פון ליטע.

„שוין מער ווי הונדערט יאָר ווערט ווילנע באַהערשט פון פאַרשיידענע אָקופּאַנטן, וואָס קוקן נאָר אויף זייער טובה און ציען פון אונז אַרויס אַלע מעגלעכע נוצן. זיי האָבן זיך באַמיט צו פאַרניכטן און צעשטערן אונזערע גיטער און רייכטימער און איצט זעען מיר דעם געביט אַן אויסגעמאַטערטן, אָן לעבנסמיטלען א. א. וו. כדי צו הערשן איבערן לאַנד, האָבן זיי געהעצט איין נאַציע קעגן דער אַנדערער, און די העצע האָט גורם געווען דערצו, אַז יעדע נאַציע קוקט מיט חשד אויף דער צווייטער.

„אונזער רעגירונג וועט זיך שטעלן איבער אַלע נאַציעס און קיין שום הערשנדיקע נאַציע וועט ניט זיין. די צעשטערונג פון אונזער לאַנד איז אַזוי גרויס, אַז איצט קענען מיר האָפן נאָר אויף דער ענערגישער מיטהילף פון אַלע בירגער. און דעריבער רוף איך אייך אַלעמען צו דער אויפבוי-אַרבעט פון דער ליטווישער מדינה. דאָס ליטווישע פאָלק האָט אויך פיל געליטן און ווייס גוט דעם טעם פון ליידן און צרות אונטערן דרוק פון אַ פרעמדער אָקופּאַציע, און די ליטווישע רעגירונג האָט באַשלאָסן דעריבער צו געבן די יידן פולע נאַציאָנאַלע אַווטאָנאָמיע.

„איך רעכן, אַז איר האָט באַמערקט אייניקע פעלערן, וואָס זיינען איצט געמאַכט געוואָרן, אָבער דאָס איז געשען ניט צוליב וואָסערע ס׳איז פּאָליטישע מיינונגען, נאָר מחמת דער איצטיקער אומנאָרמאַלער לאַגע, און איך בעט אייך, אַז אויב איר וועט להבא קריטיקירן, און אַזאַ קריטיק מצד דער געזעלשאַפט מוז זיין, זאָל זי זיין אַ פּאָזיטיווע.

„איך ווענד זיך צו אַלעמען, ווער עס קען מיטהעלפן דער שאַפונגס-אַרבעט פאַרן וואוילשטאַנד פון ליטע. ליטע וויל ניט פירן קיין מלחמה, אָבער זי וועט אויך זאָרגן, אַז איר טעריטאָריע זאָל ניט באַפאַלן ווערן פון פאַרשיידענע אָקופּאַנטן.

„ווילנע איז אַלעמאָל געווען ניט בלויז די הויפּטשטאָט פון ליטע, נאָר אויך דער קולטורעלער יידישער צענטער אין ליטע, און איך ווינטש, אַז עס זאָל שיינען פון ווילנע די זון פון ליבע און פרייד פאַר אַלע בירגער פון ליטע".

דער ענטפער פון עולם איז ווידער געווען אַ לאַנג געדויערנדיקע אָוואַציע.

אַדוואָקאַט ש. ראָזנבוים האָט באַגריסט די יידישע קהילה אין ווילנע אין נאָמען פון יידישן נאַציאָנאַל-ראַט אין ליטע, וואָס ער איז זיין פּאָרזיצער. „אַלס נשיא פון יידישן נאַציאָנאַל-ראַט זעט ער שוין די פאַראייניקונג פון אַלע טיילן פון ליטווישן יידנטום, וואָס צו אים האָבן סימפּאַטיע אַלע יידישע קיבוצים פון דער גאַנצער וועלט. פון יידישן שטאַנדפּונקט קאָנען מיר זיך בשום אופן ניט פאָרשטעלן אַ ליטע אָן ווילנע, וואו ס׳האָט געלעבט דער ווילנער גאון און אַלע אַנדערע יידישע גאונים אויף פאַרשיידענע געביטן. די שאלה איז נאָר, צי וועלן מיר זיין גוטע בירגער, און דאָ וועט מקוים ווערן דאָס ווערטל, אַז איטלעכס לאַנד האָט אַזעלכע יידן, וועלכע עס פאַרדינט, און ליטע, האָפנטלעך, וועט געוויס זיין ווערט צו האָבן גוטע יידן און ממילא גוטע בירגער".

דער רעדנער ענדיקט מיט דער איבערצייגונג, אַז „ס׳וועט אויפגעבויט ווערן אַ ליטע פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע, אַ ליטע, וואו אַלע איינוואוינער וועלן זיך שפירן ווי אין אַן אייגענער היים".

ד״ר ראַכמילעוויטש האָט אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז „די יידישע פאַרטרעטער אין דער ליטווישער רעגירונג האָבן כסדר געאַרבעט און אונטערגעשטרייכט, אַז זיי אַרבעטן אַלס ליטווישע יידישע בירגער, און האָבן זיך שטענדיק געהאַלטן ביים געדאַנק, אַז בויענדיק ליטע—בויען זיי ממילא אויך דעם יידישן און אַלגעמיינעם וואוילשטאַנד".

הרב ר׳ יצחק רובינשטיין האָט גערעדט וועגן פּאָליטישן מאָמענט און האָט אָנגעוויזן, אַז „מיט דער פאַרשקלאַפונג פון ליטע זיינען פאַרבונדן אַלע צרות, עינויים, עניות, רדיפות און דלות פון די יידן, און פאַרקערט—מיט דער אויפלעבונג פון אַ זעלבשטענדיקער ליטע וועט אויפגעריכט ווערן דער מצב פון ליטווישן יידנטום. דערפאַר דאַרפן מיר אויסדריקן אונזער אָנערקענונג די אַלע פּערזאָנען, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן דער באַפרייאונג פון ליטע".

---

מיטוואָך, כ״ה אלול (8 סעפּטעמבער), האָט דער מיניסטער פאַר יידישע ענינים, ד״ר סאָלאָווייטשיק, אויפגענומען ישעיה ראָזאָווסקין (וועלכער איז געווען געהילף פון אַ צירקל-קאָמיסאַר אין ווילנע פאַר דער גאַנצער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע) ספּעציעל וועגן ענינים פון מיליציע אין ווילנע. דער מיניסטער האָט אָנגענומען שריט, אַז אין דער מיליציע זאָל זיין אַ געהעריקע און אַ גענוגנדיקע צאָל יידישע מיליציאַנטן, ווי אויך העכערע באַאַמטע (קאָמיסאַרן, שרייבער וכדומה). דער ערשטער רעזולטאַט פון דעם מיניסטערס שריט איז געווען, אַז דער דערמאָנטער י. ראָזאָווסקי איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ געהילף-קאָמענדאַנט פון דער שטאָטישער מיליציע. נאָכדעם האָט דער שעף פון דער שטאָט ווילנע און קרייז סטאַסיונאַס געמאָלדן, אַז אַלס פאָרשטייער פון דער רעגירונג, וואָס מאַכט ניט קיין אונטערשייד צווישן נאַציאָנאַליטעט און גלויבן און וואָס ביי איר זיינען אַלע בירגער גלייך פאַרן געזעץ, אונטערשטרייכט ער, אַז שוין דערפאַר אַליין קענען פאַר יידן ניט געמאַכט ווערן קיין שום באַגרעניצונגען, און ער האָט פאַרזיכערט, אַז די יידן, וואָס וועלן צושטעלן די פּאַסיקע רעפערענציעס, וועלן צוגענומען ווערן אויף די פרייע פּלעצער הן אין ווילנער הן אין דער אויעזדנער מיליציע.

און אַזוי איז געווען. די ווילנער מיליציע, וואָס האָט אָפיציעל געהייסן די „אָפּטיילונג פון פאַרטיידיקן די בירגער", איז פאַרגרעסערט געוואָרן אויף 50 פּראָצענט. אין אַ קורצער צייט האָט זיך אין דער מיליציע געפונען ביז 50 פּראָצענט יידן-מיליציאַנטן. די געשעפטספירונג אין די ראַיאָנען האָט זיך געפירט אויף די אָרטיקע שפּראַכן, אין דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג—נאָר אויף ליטוויש. בקשות האָט מען אָנגענומען אויף אַלע אָרטיקע שפּראַכן. די אויפגאַבע פון דער מיליציע איז געווען אויסשליסלעך דער שוץ פון דער זיכערקייט און געזונט פון די בירגער; איר טעטיקייט האָט זיך מחמת דעם באַגרעניצט מיטן קאַמף קעגן די קרימינעלע עלעמענטן פון שטאָט, מיט דער השגחה איבערן סאַניטאַרן מצב און דער אויסערלעכער אָרדענונג פון שטאָט און אויך מיטן ענין אַרויסגעבן דער באַפעלקערונג פאַרשיידענע באַשטעטיקונגען וכדומה.

אַלס פאַרטרעטער פונם מיניסטער פאַר יידישע ענינים, ד״ר סאָלאָווייטשיק, פאַר דער שטאָט און קרייז ווילנע איז באַשטימט געוואָרן הרב ר ו ב י נ ש ט י י ן.

באַלד האָבן געגומען אַריבערפאָרן קיין ווילנע די מיניסטער־יומס און דער מצב איז געוואָרן אַלץ בעסער און בעסער. דער לאַנדווירטשאַפטלעכער מיניסטעריום האָט אַיינגעלאַדן אויף שטעלעס פערזאָנען מיט גרינדלעכע, טעאָרעטישע און פּראַקטישע, ידיעות אין לאַנדווירטשאַפט. יידן זיינען אָנגענומען געוואָרן דורך דער פאַרוואַלטונג פון „הילף דורך אַרבעט".—דער יוסטיץ־מיניסטעריום האָט אַיינגעשטעלט אין ווילנע אַ נאָרמאַלן געריכט: אַ פרידנס־געריכט און אַ קרייז־געריכט. די געשעפטספירונג איז געגאַנגען אויף ליטוויש, אָבער מ׳האָט געקענט עדות זאָגן און שרייבן בקשות אויף אַלע אָרטיקע שפּראַכן. די פּאָליאַקן האָבן ביי אַלע ווענדונגען צום געריכט באַנוצט נאָר די פּוילישע שפּראַך. די יידישע יוריסטן אָבער האָבן אַרויסגעוויזן אַ קנאַפּן אינטערעס דערצו, אַז זיי זאָלן זיך ווענדן צום געריכט אויף יידיש. צווישן די מיטגלידער פון קרייז־געריכט איז געווען דער יידישער יוריסט ב ע ר פ ר י ד מ אַ ן—מיטגליד פון קאָוונער קרייז־געריכט, וואָס איז פריער, בעת דער מלחמה, געווען מיטגליד־קאָנסולטאַנט פון פּעטראָגראַדער יורידישער אָפּטיילונג און האָט נאָכדעם אין ליטע פאַרנומען די שטעלעס פון אַ פרידנס־ריכטער אין בירזש, פון אַ ריכטער און אויספאָרשונגס־ריכטער אין אוטיאַן, אויך אַ מחבר פון יורידישע ביכער, וואָס האָבן אַ שייכות צו ליטע און די ליטווינער.

י״א תשרי תרפ״א (23 סעפּטעמבער 1920) האָט דער יידישער מיניסטעריום אָנגעהויבן אַריבערצופאָרן פון קאָוונע קיין ווילנע. דערווייל איז אַריבערגעפאָרן נאָר אַ טייל פונם שטאַט פון מיניסטעריום און די קהילות־אָפּטיילונג און האָט זיך אַיינגעקוואַרטירט אינם „מיניסטערישן הויף" אויף ברייטע גאַס 26. מ׳האָט גערעכנט, אַז אַלע איבעריקע אָפּטיילונגען (די עקאָנאָמישע, די אָפּטיילונגען פאַר שול און פרעסע א. אנד.) וועלן אַריבערפאָרן קיין ווילנע באַלד נאָך סוכות, אַזוי אַז ביזן 10 אָקטאָבער וועט שוין זיין אַריבערגעפאָרן קיין ווילנע דער גאַנצער מיניסטעריום. די שילד פון מיניסטעריום איז געווען אויף ליטוויש, העברעאיש און יידיש. די קהילות־אָפּטיילונג איז געווען באַשעפטיקט מיט דורכפירן דעם צוואַנג־שטייער צווישן יידן אין ליטע. דערווייל חוץ דעם באַפרייטן געגנט, און האָט זיך פאַרנומען אויך מיט דער פראַגע וועגן אָרגאַניזירן די וואַלן אין די קהילות אינם נייעם געגנט.

צוזאַמען מיט דער קהילות־אָפּטיילונג איז ערב סוכות געקומען קיין ווילנע אויך דער מיניסטער ד״ר סאָלאָווייטשיק, אָבער שוין דעם ערשטן טאָג סוכות אינדערפרי איז ער טעלעפאָניש אַרויסגערופן געוואָרן צוריק קיין קאָוונע, פונוואַנען ער איז אַוועקגעפאָרן אַלס מיטגליד פון דער דעלעגאַציע, וואָס דער סיים האָט קאָמאַנדירט קיין פאַריז און לאָנדאָן וועגן דעם ענין ווילנע, וואָס איז געקומען אין אַ סכנה.

ס׳האָט זיך געקליבן אינגיכן אַריבערצופאָרן פון קאָוונע קיין ווילנע אויך דער יידישער נאַציאָנאַל־ראַט. אונטער זיין השפעה האָבן זיך געפונען 47 יידישע פאָלקס־בענק און ס׳האָט זיך גענומען אָרגאַניזירן אַ צענטראַלע פאָלקס־באַנק.

דערווייל האָט מען אָנגעהויבן מאַכן הכנות צו די וואַלן אין אַ נייער קהילה. די אַלטע קהילה האָט ניט געוואָלט נעמען אויף זיך די אָרגאַניזירונג פון די קומענדיקע וואַלן און האָט באַשלאָסן צו שאַפן אַן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון פאָרשטייער פון פאַרטייען און צענטראַלע אינסטיטוציעס, אָבער זי האָט געוואָלט האָבן השגחה אויף דעם נייעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט און רעכט צו באַשטעטיקן, ווער פון די פאָרשטייער פון די פאַרטייען און צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס וועט קענען באַטייליקן זיך אין די וואַלן פון אָרגאַניזיר־קאָמיטעט און ווער וועט ניט האָבן קיין רעכט צו קלייבן. שבת דעם 25 סעפּטעמבער איז פאָרגעקומען די אָרגאַניזיר־פאַרזאַמלונג צו די וואַלן אין דער נייער קהילה. ס׳האָבן זיך צונויפגעקליבן צו צוויי פאָרשטייער פון 32 צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס און פאַרטייען. די פאַרזאַמלונג האָט געעפנט דער פאָרזיצער פון דער קהילה ד״ר וויגאָדסקי און האָט ערקלערט, אַז די ידיעות, וואָס זיינען געווען אין דער פרעסע, אַז די מיטגלידער פון דער קהילה ווילן ניט פאַרלאָזן זייערע בענקלעך און דעריבער אַיילן זיי זיך ניט מיט נייע וואַלן, זיינען פאַלש, נאָר דער פּרעזידיום פון דער קהילה לאָזט פאַר זיך דאָס רעכט צו קאָנטראָלירן די מאַנדאַטן און האָבן די אייבערקאָנטראָלע איבער דער אַרבעט פון אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, און צוליב דעם דאַרפן אין אָרגאַניזיר־קאָמיטעט אַריינגיין דריי פאָרשטייער פון דער קהילה. קעגן דעם האָט פּראָטעסטירט ה׳ ד ו ד ק אַ פּ ל אַ ן־ק אַ פּ ל אַ נ ס ק י און האָט געפאָדערט, אַז די פאַרזאַמלונג זאָל אַליין אויסקלייבן אַ מאַנדאַט־קאָמיסיע, וואָס זאָל קאָנטראָלירן די וואַל־קאַמפּאַניע. דער פּרעזידיום איז אַוועק אויף אַ ישוב־הדעת. ס׳איז געוואָרן אַ געוואַלדיקער טומל. דער סוף איז געווען, אַז ד״ר וויגאָדסקי האָט פאַרלאָזן די זיצונג און די פאַרזאַמלונג האָט אויסגעקליבן פאַר אַ פאָרזיצער דעם שריפטשטעלער מ ש ה ש אַ ל י ט. נאָך לאַנגע וויכּוחים זיינען אָנגענומען געוואָרן פאַר אַ באַזיס די תקנות פונם יידישן מיניסטעריום. די פאַרזאַמלונג האָט זיך אָנערקענט פאַר פולבאַרעכטיקט און האָט אויסגעקליבן אַ מאַנדאַט־קאָמיסיע פון 7 פערזאָן. אויף אַ צווייטער זיצונג דעם 28 סעפּטעמבער איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער וואַל־קאָמיטעט דאַרף אויסגעקליבן ווערן אויף פּראָפּאָרציאָנעלע יסודות און דאַרף באַשטיין פון 15 פערזאָן.

פּ אָ ג ר אָ ם־ש ט י מ ו נ ג ע ן און ב אַ נ ד י ט י ז ם. תּיכּף ווי די ליטווינער האָבן איבערגענומען די מאַכט אין ווילנע, האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אַרום האַלע אויף זאַוואַלנע גאַס באַוואָפנטע קריסטלעכע שיכּורים, וואָס האָבן פּשוט געוואָרפן אַ מורא אויף די יידישע הענדלער אויפן מאַרק. מיט דער טענה, אַז זיי „מוזן נעמען נקמה פון די יידן", פלעגן זיי שלאָגן און הרגענען אַלע יידישע דורכגייער און פלעגן דערביי נאָך פאַרזיכערן אַז ג אָ ר־ג אָ ר א י נ ג י כ ן וועט מען זיך מיט די יידן אָפּרעכענען אויפן אמתן פּאָגראָם־שטייגער. פאַרן טאָג פון 30־טן אַווגוסט, דאָס הייסט שוין גאָר אין אָנהייב, האָט מען אַרום האַלע צעקאַליעטשעט אַ היבשע צאָל יידן, וואָס זיינען אין גרויס אימה אַנטלאָפן, און די באַנדיטן האָבן אומגעשטערט ווייטער געטאָן זייער אַרבעט. דער זונטאָג פון 5־טן סעפּטעמבער איז געווען אַן אומרואיקער טאָג פאַר דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג. אין שטאָט האָבן זיך נאָך פריער פאַרשפּרייט שטאַרקע קלאַנגען, אַז אויף דעם טאָג גרייט זיך אַ פּאָגראָם אויף יידן, וואָס דאַרף זיך אָנהייבן בשעת מען גייט אַרויס פון די קלויסטערס. באַזונדערס אומרואיק איז געוואָרן, בשעת מען האָט דערהערט אַ טומל אויף פּאָהוליאַנקע, וואו ס׳איז פאָרגעקומען אַ הויז־זוכונג ערגעץ אין אַ פאַרדעכטיקן אָרט און מ׳האָט אַהין קיינעם ניט דורכגעלאָזן, און נאָכמער, בשעת אַ גרופּע מיליציאַנטן האָבן אָנגעהויבן אַרומצולויפן מיט די ביקסן גרייט אין די הענט. אַ גאַנצן טאָג זיינען איבערן שטאָט אַרומגעגאַנגען פאַרשטאַרקטע פּאַטרולן, וואָס האָבן ניט דערלאָזן קיין רעדלעך זיך צונויפקלייבן און ביי יעדן סיכסוך אויף די מערק צעטריבן דער עולם. דאָס האָט געהאָלפן און ס׳איז שטילער געוואָרן. אין יענעם מהומהדיקן זונטאָג פרי האָט אַ מיליציאַנט, פּלוצלונג אויסשיסנדיק, גענומען צעטרייבן די בוי־אַרבעטער, וואָס קלייבן זיך געווינטלעך צונויף לעבן האָלץ־מאַרק אויף זייער בירזשע, וואוהין אונטערנעמער קומען דינגען זיי אויף אַרבעט.

אין שטאָט איז אייגנטלעך פון אָנהייב אָן געגאַנגען אַן אומאויפהערלעכע פּאָגראָם־אַגיטאַציע סיי געהיים סיי בפרהסיא. צו

די אַלטע און נייע באַוואוסטע שקרים און רכילות, וואָס מיט זיי ווערן געזעטיקט און געקרעפּטיקט אַלע בלוטדאָרשטיקסטע פּאָגראָם־אַגיטאַציעס, איז אין ווילנע אין דער באַשריבענער צייט צוגעקומען אַ שפּאָגל־נייער שטאָף:

לויט דער איניציאַטיווע פונם ווילנער מאַגיסטראַט איז געבילדעט געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע ביי דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג פונם מאַגיסטראַט, אונטערן פאָרזיץ פונם הויפּט־דאָקטאָר פון שטאָט ד״ר דאָקאַלסקי, מיטן צוועק אויסצוגראָבן און צו קבורה צו ברענגען די פערזאָנען, וואָס זיינען דערשאָסן געוואָרן דורך דער סאָוועטישער מאַכט אין ווילנע פאַר דער צייט פון 15 יולי ביזן 27־טן אַווגוסט 1920. די קאָמיסיע האָט אָנגעהויבן איר אַרבעט פון 1 סעפּטעמבער אָן. זי האָט געאַרבעט זייער ענערגיש, האָט געמאַכט אויסגראָבונגען אין אַ מאַסע ערטער, וואו עמיצער האָט נאָר אָנגעוויזן, דהיינו: אויף ש נ י פּ י ש אָ ק („וואָיענגאָיע פּאָליע״), ש י ש ק י נ אַ ג ו ר אַ, מ ע ט ש ע ט נ ע ג אַ ס, אָ ש מ ע נ ע ר ט ר אַ ק ט, פּ אָ פּ ל אַ וו ע ס, ז אַ ר ע ט ש י ע, „ר אָ נ ע פּ אָ ל י ע״, ב ו ר ב י ש ק ע ר וו אַ ל ד, פּ אָ ס פּ ע ש ק ע ס, י ו ס ט י נ אָ וו ק ע און אַנדערע ערטער. אין אַ ס ך פון די אָנגעוויזענע ע ר ט ע ר האָט מען ג אָ ר נ י ש ט ג ע פ ו נ ע ן. אין די איבעריקע ערטער האָט מען נאָך די שטרענגסטע אונטערזוכונגען געפונען 22. (צ וו ו י י און צ וו אַ נ צ י ק) טויטע קערפּערס. מ׳האָט די חללים גרינדלעך באַטראַכט און פאָטאָגראַפירט. מער ווי העלפט חללים האָט מען בשום אופן ניט געקענט דערקענען, ווייל זיי זיינען שוין געווען שטאַרק צעפאַלן, ווי זיי וואָלטן שוין געלעגן טויט אַ ל אַ נ ג ע צ י י ט, און מ׳האָט זיי באַגראָבן אין אַ ברידער־קבר. צווישן די דערשאָסענע זיינען געווען עטלעכע יידן; דערקענט האָט מען נאָר איינעם. אויף אַכט בר־מיננס, וואָס מ׳האָט געפונען אין גריבער אין „ראָנע פּאָליע״ און פּאָספּעשקעס, האָט מען נ י ט ג ע פ ו נ ע ן קיין ס י מ נ י ם פ ו ן ש י ס־וו ו אַ ו נ ד ן. כמעט אַלע בר־מיננס זיינען געווען ה ו י ל ע, אייניקע זיינען געווען אין צעריסענע העמדער אָדער קאַלסאָנען; ביי אַנדערע אויף די העלזער זיינען געווען פ ר אַ וו אָ ס ל אַ וו נ ע צלמים. עדי־ראיה האָבן איבערגעגעבן, אַז אין אַ געוויסן טאָג אַרום 9 אַ זייגער אינדערפרי איז אויף „ראָנע פּאָליע״ געקומען אַ משא־אַווטאָמאָביל און מ׳האָט פון אים אַריינגעוואָרפן אין די דאָזיקע גריבער טויטע קערפּערס. מ׳איז משער, אַז דאָס זיינען געווען ק ע ר פּ ע ר ס פ ו ן ח ו ל א י ם, ג ע ש ט אָ ר ב ע נ ע אין אַ נ ט אָ ק אַ ל י ע ר מ י ל י ט ע ר י ש ן ש פּ י ט אָ ל. דערמיט האָט די קאָמיסיע פאַרענדיקט איר אַרבעט. צווישן די דאָקטוירים פון דער קאָמיסיע איז געווען אויך דער יידישער ד״ר ב ר אָ ד ס ק י.

און אָט דער פאַקט פון די אויסגעגראָבענע 22 בר־מיננס, וואָס צווישן זיי זיינען געווען: ערשטנס, ע ט ל ע כ ע י י ד ן; צווייטנס, אַ כ ט, מעגלעכער ווי אַלץ, ג ע ש ט אָ ר ב ע נ ע ח ו ל א י ם פ ו ן מ י ל י ט ע ר י ש ן ש פּ י ט אָ ל; דריטנס, ע ט ל ע כ ע, וואָס זיינען געווען טויט שוין זייער לאַנג, אפשר אַ יאָר און אפשר אָנדערהאַלבן יאָר (די ליצני־הדור האָבן גאָר געזאָגט, אַז גיכער פון אַלץ זיינען דאָס גאָר געווען די ג ע ה ר ג ע ט ע י י ד ן פון די אַפּריל־טעג 1919, מחמת געוויסע סימנים האָבן טאַקע אַרויסגערופן אַזאַ חשד...); פערטנס, זיינען געווען אייניקע פּ ר אַ וו אָ ס ל אַ וו נ ע, —(מן הסתם, ר ו י ט ע אַ ר מ י י ע ר..),— אָט דער פאַקט איז אויסגענוצט געוואָרן אַלס אָנגעמאָסטענער שטאָף פאַר דער פּאָגראָם־אַגיטאַציע. מ׳האָט פאַרשפּרייט צווישן די מאַסן די אומגלומפּערסטע קלאַנגען. די צאָל 22 איז אין משך פון עטלעכע טעג אויסגעוואַקסן אין 6000 און אין 8000 פּ אָ ל י אַ ק ן, וואָס די „זשידעס־באָלשעוויקעס״ האָבן אומגעבראַכט אינם „אָסאָבאָטדיעל״, וועלכער איז, אגב, באַשטאַנען ד ע ר ה ו י פּ ט פ ו ן פּ ו י ל י ש ע ק אָ מ ו נ י ס ט ן. די צעהיצטע פאַנטאַזיע פון די אויפגערודערטע אומוויסנדיקע פאָלקס־מאַסן האָט זיך צעשפּילט און אין דער לופט האָט געגומען שמעקן מיט פּאָגראָם. אָבער דער קאָמענדאַנט פון דער שטאָט און קרייז ווילנע האָט דעם דערמאָנטן ז ו נ ט אָ ג פ ו ן 5 ס ע פּ ט ע מ ב ע ר פּ ר י, פּובליקירט אַ באַפעל, וואָס האָט צוגעזאָגט די שטרענגסטע שטראָף פאַר די „בייזוויליקע לייט, וואָס פאַרשפּרייטן פאַלשע קלאַנגען מיטן צוועק אויפצורייצן און אויפצוהייבן איין טייל באַפעלקערונג קעגן אַנדערן״. דערצו האָט ער אָנגענומען אויך אַנדערע פאַרזיכערונגס־מיטלען, און מ׳איז אָפּגעקומען מיט שרעק.

די מיליציע איז פאַרשטאַרקט געוואָרן און זי האָט זיך אָפּגעגעבן געטריי אירע התחייבותן, איז שטענדיק געווען אויפן פּאָסטן. אין שטאָט איז נאָכדעם בכלל שטיל און רואיק און זיכער געוואָרן. אָבער דער באַנדיטיזם האָט זיך פון צייט צו צייט געלאָזט הערן. אויף די וועגן קיין ווילנע און באַזונדערס אין די נעכט פלעגן פאָרקומען איינצלנע אָנפאַלן, ראַבירונגען און רציחות. ס׳זיינען דערהרגעט געוואָרן: דער קליין־ווילייקער איינוואוינער אַ ה ר ן שאַ ס ק אָ ל ס ק י, אַ מאַליאַטער איינוואוינער ר א ו ב ן און דער בוטרימאַנצער איינוואוינער מ. ע וו ע ר אָ וו י ט ש א. א. איינמאָל, דעם 18 סעפּטעמבער אינאָוונט, איז געשען אַ ברייט־פאַרמאָסטענער באַנדיטישער אָנפאַל ביי לאַנדוואָראָוואָ אויפן צוג, וואו ס׳האָט זיך געפונען דער גאַנצער שטאַט און אייגנס פון מ י נ י ס ט ע ר י ו ם פ אַ ר פ י נ אַ נ ס ן, ה אַ נ ד ל און א י נ ד ו ס ט ר י ע, וואָס האָט זיך אַריבערגעפירט קיין ווילנע. ס׳איז פאָרגעקומען אַן אויפרייס פון די רעלסן, און דער צוג איז געראַטעוועט געוואָרן פון אַ קאַטאַסטראָפע בלויז אַדאַנק אַ צופאַל. דעם 22 סעפּטעמבער ביינאַכט איז פאָרגעקומען אַ שיסעריי צווישן דער קרימינעלער געהיים־פּאָליציי און באַנדיטן און דעם 29־טן ביינאַכט איז אויף קליין־פּאָהוליאַנקע אַנטפּלעקט געוואָרן דער קערן פון דער באַנדיטן־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געווילדעוועט אין ווילנע און איר סביבה. ס׳איז פאָרגעקומען אַ לאַנגע שיסעריי צווישן אַן אָפּטיילונג ליטווישע סאָלדאַטן און דער באַוואָפנטער באַנדע, וואָס האָט אַפילו נעהאַט אין איר רשות און געוואָרפן באָמבעס. די ליטווישע מיליטערישע אָפּטיילונג האָט סוף־כל־סוף גובר געווען און האָט אַרעסטירט עטלעכע צענדליק באַנדיטן.

נאָך דעם דאָזיקן פאַל האָט די מיליטערישע זשאַנדאַרמעריע אָנגענומען ענערגישע מיטלען בכדי מיטן שורש אויסצוראָטן דעם באַנדיטיזם אין ווילנע.

ד י ל ע צ ט ע ט ע ג. — דער הימל האָט זיך גענומען וואָלקנען פאַר ליטע פון ערשטן טאָג אָן פון זייער פאַרנעמען ווילנע. עפּעס איז דאָרטן געשען אויף די פראָנטן אין דער געוועזענער סובאַלקער גובערניע, עפּעס צוזאַמענשטויסן צווישן ליטווישן און פּוילישן חייל, און פון 27־ט ן אַ וו ג ו ס ט אָן האָט זיך אָנגעהויבן אַ חילוף פון נאָטעס צווישן דעם ליטווישן מיניסטער פאַר אויסלענדישע ענינים ד״ר פ ו ר י צ ק אַ ס און דעם פּוילישן אויסערן־מיניסטער ס אַ פּ ע ה אַ. דאָס האָט זיך געצויגן לאַנג, אָט דער מצב פון אַלץ גרעסערע צוזאַמענשטויסן און דער חילוף פון נאָטעס, אַזוי לאַנג, ביז עס האָט זיך עפּעס אַזוי משונהדיק, אָן אַ פריערדיקן אָנזאָג, פאַרפלאָנטערט אין אַן עכטער מלחמה צווישן פּוילן און ליטע און ביז מ׳איז סוף־כל־סוף צוגעטראָטן צו „שלום־אונטערהאַנדלונגען״ מיט אַלע הידורים און לפי אָנווייזונגען פון דרויסן — פון דער אַנטאַנטע און פון דער פעלקער־ליגע. פונדעסטוועגן האָבן די ליטווינער באַשלאָסן ניט אויפצוהערן אַריבערצופירן די גאַנצע רעגירונג און דעם סיים — קיין ווילנע, דער אמתער רעזידענץ פון ליטע.

די ליטווישע רעגירונג האָט אָנגעפרעגט ביי די פאָרשטייער פון דער אַנטאַנטע, און יענע האָבן מסכים געווען; ענגלאַנד האָט עס איר אפילו געראָטן און האָט זיך בכלל איינגעשטעלט פאַר

ליטע אין איר סיכסוך מיט פוילן, אין דער צייט וואָס פראַנקרייך האָט געהאַלטן פוילנס צד.

די אַריבערפירונג פון די מיניסטעריומס פון קאָוונע קיין ווילנע האָט זיך, ווי ס'איז שוין געווען דערמאָנט, אָנגעהויבן פריער. צוערשט איז אַריבערגעפאָרן דער מדינה=מיניסטעריום (15 סעפּטעמבער), נאָכדעם כסדר—דער מלוכה=שאַץ, דער מיניסטעריום פון פינאַנסן, האַנדל און אינדוסטריע, די אייזנבאַן=פאַרוואַלטונג, די פאַרוואַלטונג פון טעלעגראַף און טעלעפאָן און פאַרקער=מיניסטעריום, דער יידישער און דער ווייסרוסישער מיניסטעריומס, דער גענעראַל=שטאַב און דער קריגס=מיניסטעריום, די מיניסטעריומס פאַר ערדאַרבעט, מלוכה=אייגנסן און אויסלענדישע ענינים, דער יוסטיץ=מיניסטעריום און דער מיניסטעריום פון פאָלקסבילדונג. ס'זיינען איבערגעריסן געוואָרן די ליטוויש=פוילישע אונטערהאַנדלונגען אין קאַלוואַריע (19 סעפּט.)—און די מיניסטעריומס האָבן ניט אויפגעהערט אַריבערצופאָרן קיין ווילנע. דער מיניסטאָרן=ראַט האָט אָנגעהויבן אָפּהאַלטן זיינע זיצונגען אין ווילנע און מ'האָט שוין גענומען מאַכן הכנות פאַרן אַריבערפירן קיין ווילנע דעם סיים, צוזאַמען מיט הכנות צו וואַלן פון ווילנער קאַנט צום סיים. דעם 25 סעפּטעמבער האָבן אָנגעהויבן אַריבערפאָרן פון קאָוונע קיין ווילנע די אויסלענדישע קאָנסולאַטן און מיסיעס. די ערשטע זיינען אַריבערגעפאָרן דער ענגלישער קאָנסולאַט און די ענגלישע מיליטערישע מיסיע, נאָכדעם כסדר—די רוסישע מיסיע, דער דייטשער קאָנסולאַט, דער פראַנצויזישער קאָנסולאַט און די פראַנצויזישע מיליטערישע מיסיע, די אַמעריקאַנישע, עסטאָנישע, לעטישע און שוועדישע מיסיעס.

לכבוד דעם אַריבערפאָרן פון דער ליטווישער מאַכט אין איר אמתער רעזידענץ ווילנע האָט די ליטווישע רעגירונג באַקומען באַגריסונגען פון פאַרשיידענע לענדער און פון פאַרשיידענע זייטן.

ווילנע איז געוואָרן די רעזידענץ און זי האָט אויפגעלעבט ווי נאָך קיינמאָל ניט פריער. דאָס האָט אָבער צו קורץ געדויערט. אויפן ליטוויש=פוילישן פראָנט (סוב. גוב.) זיינען די גרענגלען געוואָרן אַלץ שאַרפער און פאַרעקשנטער. ס'האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ חילוף פון נאָטעס צווישן ליטע און פוילן. די ליטווישע רעגירונג האָט מסכים געווען צו פאַרלאָזן זיך אויף דער אַנטשיידונג פון דער פעלקער=ליגע, אָבער די פוילישע רעגירונג האָט באַשולדיקט די ליטווינער, אַז זיי דערלאָזן אויף זייער טעריטאָריע אַ קאָנצענטראַציע פון באָלשעוויסטישע אַרמייען קעגן פוילן, און זי האָט געמאָלדן, אַז זי לאָזט זיך מחמת דעם איבער פרייע הענט. די ליטווישע רעגירונג האָט זיך געווענדט צו דער פעלקער=ליגע מיט אַ פּראָטעסט קעגן די דאָזיקע אומבאַגרינדעטע באַשולדיקונגען און קעגן דעם אָנפאַל אויף די ליטווישע חיילות. די פּאָליאַקן האָבן געפאָדערט, די ליטווינער זאָלן אָפּטרעטן הינטער דער דעמאַרק=ליניע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן דעם 8 דעצעמבער 1919 דורכן העכסטן קאָאַליציע=ראַט און וואָס נעמט אַריין אויך דעם געביט פון ווילנער גוב. די ליטווינער האָבן מסכים געווען צו אונטערהאַנדלען וועגן שאַפן אַ נייטראַלע זאָנע, וואָס דאַרף אָנערקענט ווערן פאַר עטנאָגראַפיש ליטוויש, און האָבן אָפּגעוואָרפן די באַשולדיקונג, אַז זיי ערפילן ניט דעם באַשלוס פון העכסטן ראַט. דאַן האָט פּאַדערעווסקי אין דער פעלקער=ליגע גענומען צוריק די באַשולדיקונגען און די פעלקער=ליגע האָט געפאָדערט אָפּשטעלן די פויליש=ליטווישע מלחמה. דער ראַט פון דער פעלקער=ליגע האָט געמאָלדן וועגן דער שאַפונג פון אַ קאָנטראָל=קאָמיסיע צו מאַכן אַ סוף פונם סיכסוך. אַ נייע נאָטע פון סאַפּעהאַ צו ליטע האָט פאָרגעלייגט אַריבערצוטראָגן די שלום=אונטערהאַנדלונגען קיין סובאַלק, וואָס אין רשות פון די פּאָליאַקן. אין דער זעלביקער צייט האָט רוסלאַנד געגעבן אַ הבטחה אָפּצורייניקן די ליטווישע טעריטאָריע און אַ הסכם אָפּצוהיטן די ליטווישע נייטראַליטעט מיטן תנאי, אויב פוילן וועט זי אָפּהיטן. דער רעזולטאַט פון דעם אַלעם איז געווען, אַז דעם 29 סעפּטעמבער איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די מלחמה אויף צוויי שעה, כדי צו געבן דער ליטווישער דעלעגאַציע די מעגלעכקייט דורכצופאָרן קיין סובאַלק אויף די אונטערהאַנדלונגען. די פעלקער=ליגע האָט אָפיציעל געמאָלדן ליטע, אַז זי וועט זען משפיע זיין אויף פוילן לטובת ליטע, און לעאָן בורזשואַ, דער פאָרזיצער פון דער פעלקער=ליגע, האָט זיך געווענדט צו דער פוילישער רעגירונג וועגן באַפרידיקן די ליטווישע פאָדערונגען. דערווייל איז די מלחמה געגאַנגען ווייטער, די פוילישע חיילות האָבן פאַרנומען אַלץ מער ליטווישע טעריטאָריע, פאַרנומען גראָדנע און גערוקט זיך צו אָראַן. בלויז דעם 30 סעפּטעמבער איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די מלחמה און דעם 1 אָקטאָבער האָבן די ענגלישע רעגירונג און די פעלקער=ליגע באַקומען אַן אָפיציעלע מעלדונג פון דער פוילישער רעגירונג, אַז די פוילישע חיילות וועלן ניט גיין ווייטער אין צפונדיקן טייל פון ליטע, ד. ה. זיי וועלן ניט גיין אויף ווילנע. דעם זעלביקן 30 סעפּטעמבער איז די קאָנטראָל=קאָמיסיע אַרויסגעפאָרן פון פאַריז דורך וואַרשע קיין סובאַלק צו ערליידיקן דעם סיכסוך. דער ענגלישער אולטימאַטום צו פוילן און פאָלקאָווניק אוואָרדס (ענגלישער פאָרשטייער אין ליטע) פאַרזיכערונגען, אַז די פּאָליאַקן וועלן ניט גיין אויף ווילנע, האָבן אַריינגעטראָגן אַ געוויסע רואיקייט אין די געוועסט=צערודערטע געמיטער אין ווילנע. אָבער ניט אויף לאַנג. אין סובאַלק זיינען געשטעלט געוואָרן נייע פאָדערונגען, וואָס די ליטווינער האָבן אויף זיי ניט געקענט מסכים זיין,—איז אין ווילנע ווידער אומרואיק געוואָרן. נאָך גרעסער איז די אומרואיקייט געוואָרן, וואָס ניט געקוקט אויפן וואָפנשטילשטאַנד און אויף די אונטערהאַנדלונגען אין סובאַלק, איז די אָפענסיווע געגאַנגען ווייטער, די פּאָליאַקן האָבן שוין פאַרנומען אָראַן און עפּעס אַ „דיוויזיע״ האָט זיך גערוקט אויפן וועג קיין ווילנע. די פּאָליאַקן האָבן געזאָגט, אַז זיי פירן די מלחמה מיט רוסלאַנד, בכן שטויסן זיי די ליטווינער ניט ווילנדיק. אָבער די רוסן האָבן שוין אָפּגעטראָטן ביז מאָלאָדעטשנאָ און הינטער באַראַנאָוויטש, און דאָ—גייען רעגולערע כוחות, אַ „דיוויזיע״ אינפאַנטעריע, אַרטילעריע און קאַוואַלעריע און אַטאַקירן עקשנותדיק ליטווישע טיילן... וואָס דאָס באַטייט האָט קיינער אויף קלאָר ניט געוואוסט.

די ליטווישע דעלעגאַציע, וואָס איז נאָך דעם 25 סעפּטעמבער אַרויסגעפאָרן קיין פאַריז און לאָנדאָן און אויך קיין רוים, האָט דאָרטן וועלטן איינגעריסן, האָט געטענהט, דערוויזן, געפאָדערט און געבעטן, האָט אומעטום די בעסטע וואונטשן און הבטחות באַקומען; דער פּויפּסט אַליין האָט, לויט אַ ידיעה, אויפגעפאָדערט פוילן דורכצוקומען מיט ליטע בדרך שלום; און—אפשר אין רעזולטאַט פון דעם אַלעם—האָט סאַפּעהאַ געשיקט אַ נאָטע דער ליטווישער רעגירונג, אַז פוילן האָט ניט בדעה צו גיין אויף ווילנע. און נאָך אַלעם דעם—די געהיימניספולע „דיוויזיע״, וואָס מאַרשירט איינגעשפאַרט אויף ווילנע!

די אומרו און די אָנגעפאַלענע אימה אין שטאָט האָט געשטייגט פון טאָג, פון שעה, פון מינוט...

ס'זיינען פּובליקירט געוואָרן אָפיציעלע באַרואיקונגען. אין די אָפיציעלע ספערן האָט געהערשט פולע רואיקייט און זיכערקייט, אַז פאַר ווילנע שטייט ניט קיין שום סכנה, אַז ווילנע וועט אָן שום תנאי בלייבן ביי ליטע. ווי אַ סימפּטאָם דערפון האָט מען אַרויסגעשטעלט דעם פאַקט, וואָס די צענטראַלע רעגירונגס=אַנשטאַלטן פון לאַנד זיינען ממשיך זייער אַריבערפאָרן פון קאָוונע און ביזן 10=טן אָקטאָבער וועלן שוין זיין אַריבערגעפאָרן

אַלע מיניסטעריומס און דער סיים. מ׳האָט געגלויבט און געהאָפט, אַז די קאָמיסיע פון דער פעלקער=ליגע וועט ענדגילטיק אויסגלייכן דעם ליטוויש=פוילישן סיכסוך און אַז די סובאַלקער אונטערהאַנדלונגען וועלן ברענגען צום אָפּשטעלן די שפיכות=דמים, וועלן בריינגען דעם פאַר אַלעמען געווינטשטן און גערעכטן שלום. די ליטווינער האָבן געגלויבט, אַז די פעלקער=ליגע וועט אָננעמען אַנטשיידדיקע מיטלען אויף אויסצומיידן די קאַטאַסטראָפע, וואָס רוקט זיך אַלץ נעענטער און נעענטער פאַר די ליטווינער.

די געשעענישן האָבן אָבער צעשטערט די ליטווישע תמימותדיקע אמונה און האָפענונגען.

לויטן פאָרשלאָג פון דער קאָנטראָל=קאָמיסיע, וואָס איז דעם 4 אָקטאָבער געקומען קיין סובאַלק, האָבן די ליטווינער דעם 6=טן אָפּגעשטעלט די מלחמה=אָפּעראַציעס אין אָראַנער ראַיאָן 10 אַזייגער אינאָוונט. די פּאָליאַקן האָבן ווייטער געפירט די מיליטערישע אָפּעראַציעס און אָנגעהויבן אַן אַטאַקע אויפן גאַנצן פראָנט קיין ווילנע. דעם 7=טן אָקטאָבער זיינען דער ענגלישער און פראַנצויזישער אַטאַשעס אַרויסגעפאָרן אויפן פראָנט צו דער פוילישער קאָמאַנדע נאָך ערקלערונגען וועגן אירע פּלענער און צו דערמאָנען סאַפּעהאַס מעלדונג, אַז פּוילן וועט ניט פאַרנעמען ווילנע און ליטווישע טעריטאָריע. דעם 8=טן האָט די קאָנטראָל=קאָמיסיע געדאַרפט קומען קיין ווילנע, בכדי אויף אַן אָרט צו באַקענען זיך מיטן קאָנפליקט. ביז האַלבן טאָג דעם 8=טן האָט מען אין ווילנע אויף איר געוואַרט: וואָס וועט זי זאָגן? וואָס וועט זי טאָן? וואָס וועט זי ברענגען?—זי איז אָבער ניט געקומען!

ביז 1 אַ זייגער בייטאָג איז נאָך אַלץ כשורה געגאַנגען; אַלע אָפיציעלע אַנשטאַלטן האָבן זיך רואיק געאַרבעט און די שטאָט האָט נאָך אַ נאָרמאַלן אויסזעען געהאַט. אָבער פּלוצלינג איז—אַ מהומה, אַן אימהדיקער גערודער, אַ חורבן, אַ תוהו=ובוהו געוואָרן! ס׳האָט זיך פאַרשפרייט אַ קלאַנג וועגן אַ מעשה=בערמאָנט=אַוואַלאָוו אין ליטע, וועגן אַ נייע מעשה=פּיומע... אין איין כהרף=עין האָט שטאָט זיך דערוואוסט, אַז שוין גאָר=גאָר ניט ווייט פון ווילנע שטייט אַ דיוויזיע פון אַ „בייעם ד׳אַנונציאָ“,—און פון אַלע אָפיציעלע אַנשטאַלטן איז רגע כמימרא קיין שריד ופליט ניט געבליבן און פון גאַנצן נאָרמאַלן סדר פון לעבן אין שטאָט איז אַ תל געוואָרן... נעכטן נאָך, דעם 7=טן, זיינען רעגירונגס=אַנשטאַלטן און קאָנסולאַטן (דער שווידישער א. א.) אַריבערגעפאָרן, און היינט, דעם 8=טן, האָט זיך אָנגעהויבן אַזאַ משונהדיקע, נאָך ניט געזעענע עוואַקואַציע פון דער ליטווישער רעגירונג און אירע אַנשטאַלטן, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַ בייזע אימה אַפילו אויף מענטשן, וואָס האָבן זיך שוין אַ סך אָנגעזעען און איבערגעלעבט אין זייער לעבן. מ׳האָט געמיינט, אַז אָט=אָט הייבט זיך אָן דאָס שרעקלעכסטע, וואָס אַ ייד האָט מורא אַפילו מיטן מויל אַרויסצוזאָגן, אַז די אויף הפקר פאַרבליבענע שטאָט וועט באַלד ווערן אַ קרבן פון די פּאַרטאַיעטע שוואַרצע כוחות. דער טאָג איז אַ וואַרימער, אַ ליכטיקער און אַ שיינער געווען. בחורים און מיידלעך זיינען ווי משוגעים איבער די גאַסן געלאָפן און געפרעגט דעם וועג קיין קאָוונע. הונדערטער פאַרפּאַקטע פורן האָבן זיך געלאָזן צום באַן, אויף לאַנדוואָראָווער וועג, אויף זווערינעץ, אויף מיישעגאָלע=באָלניקער וועג און אפשר טויזנטער יונגעלייט און מיידלעך, אַפילו קליינע מיידעלעך מיט זייערע עלטערע שוועסטער און ברידער, האָבן זיך צום באַן געלאָזן און צו=פוס, מיט קליינע קלומיקעס אויף די פּלייצעס, און אָפּט אַפילו לחלוטין „מיט ליידיקן“, האַלב=נאַקעטע און האַלב=באָרוויסע, זיך אויף די וועגן געלאָזן, וואָס פירן קיין ווילקאָמיר און קיין קאָוונע... אַ האַרמידער, אַ הו=האַ און—זיפצן און קרעכצן און טרערן פון יידישע טאַטעס און מאַמעס, פון יידישע זין און טעכטער—פון יידישע קינדער— — —

די נאַכט נאָכן טאָג איז אַ תשעה=באבדיקע געווען. מאַסן הונדערטער מענטשן, ניט=באַוויזענע, האָבן זיך געגרייט אויף מאָרגן, אויב ס׳וועט זיי נאָר באַשערט זיין, אויך אין וועג אַוועקצולאָזן זיך—קיין ווילקאָמיר, קיין קאָוונע...

אויף מאָרגן פרי איז אַרויס אַ רוסיש בלעטל מיט ידיעות, וואָס האָבן געקלונגען ווי אַ איראָניע איבערן לעזער. צווישן אַנדערע איז דאָרטן געווען אַ ידיעה, אַז די אָפּטיילונג, וואָס גייט אויף ווילנע, „באַשטייט פון די איינוואוינער פון דער שטאָט ווילנע און פון די אָרטיקע גוטבאַזיצער, וואָס וועלן אָפּערירן לפי דער אייגענער איניציאַטיווע“.

די וויכטיקסטע ידיעה איז אָבער געווען, אַז „אַלע אויסלענדישע פאַרטרעטער“ זיינען פאַרבליבן אין ווילנע און די פראַנצויזישע מיסיע האָט געמאָלדן, אַז „וואָס עס זאָל ניט געשעען, וועלן קיין עקסצעסן ניט זיין, און אַז די באַפעלקערונג קען זיין רואיק.“

ווילנע, אדר א׳ תרפ״א...



בועז וואָלפסאָן.

# מיטל⸗ליטע.

I.

סוף סעפטעמבער און אָנהייב אָקטאָבער 1920 יאָר האָט זיך באַשאַפן אין ווילנע אַ משונהדיקע לאַגע. הגם די ליטווינער זיינען געבליבן נאָך דעם אַרויסגאַנג פון דער רויטער אַרמיי (אַרום 25 אַווגוסט 1920 י.) די איינציקע בעלי⸗בתּים אין ווילנע, דאָך איז זייער לאַגע ניט געווען קיין פעסטע, און וואָס ווייטער די באָלשעוויקעס פלעגן אָפּטרעטן צו מזרח, פלעגן די פּאָליאַקן אַלץ נעענטער זיך צורוקן צו ווילנע. ניט קוקנדיק דערויף, האָבן די ליטווינער ניט נאָר ניט אָפּגעשטעלט די צוגרייטונגס⸗אַרבעט צו אַריבערפירן אַלע מלוכה⸗אַנשטאַלטן פון קאָוונע קיין ווילנע, נאָר פאַרקערט: וואָס נעענטער די פּאָליאַקן פלעגן זיך צורוקן צו ווילנע, אַלץ נערוועזער פלעגט גיין די אַרבעט צו פאַרוואַנדלען ווילנע אין אַ הויפּטשטאָט פון ליטע. די סכּנה פאַר ווילנע פלעגט וואַקסן מיט יעדן טאָג, נאָר אָנשטאָט אַן עוואַקואַציע איז דער אַריבערפאָר פון דעם גאַנצן מלוכה⸗אַפּאַראַט פון קאָוונע אין ווילנע געגאַנגען אַלץ שנעלער און פיבערהאַפטער.

פאַרשטייט זיך, אַז די ליטווינער האָבן ניט געקענט לייגן קיין גרויסן בטחון אויף זייערע מיליטערישע כּוחות און זיי האָבן אַ סך מער געהאָפט, אַז זיי וועט זיך איינגעבן דורך אַלערליי דיפּלאָמאַטישע אונטערהאַנדלונגען איינהאַלטן ווילנע און אַז די פעלקער⸗ליגע וועט זיי אין דעם העלפן. משמעות, אַז דערפאַר טאַקע האָט מען געוואָלט וואָס גיכער אַריבערפירן אַלע מלוכה⸗אינסטיטוציעס קיין ווילנע, כּדי צו באַווייזן פּאַקטיש, אַז ווילנע איז די אמתע הויפּטשטאָט פון ליטע.

דער דיפּלאָמאַטישער נצחון איז טאַקע געווען אויף דער זייט פון ליטע. ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די פּויליש⸗ליטווישע אונטערהאַנדלונגען, וועלכע האָבן זיך געפירט אַפריער אין קאַלוואַריע (15—18 סעפּט.) און דערנאָך אין סובאַלק (פון דעם 30 סעפּט.) האָבן ניט געבראַכט צו אַ פולקומען וואָפנשטילשטאַנד, האָט מען דאָך געקענט האָפן, לויט די אַלע ערקלערונגען וואָס די פּוילישע פאָרשטייער האָבן געגעבן, אַז דאָס פּוילישע חייל וועט ווילנע ניט פאַרנעמען, בפרט נאָכדעם, אַז דער פּויליש⸗ליטווישער קאָנפליקט איז איבערגעגעבן געוואָרן אויף דעם משפּט פון דער פעלקער⸗ליגע, און די קאָנטראָל⸗קאָמיסיע פון דער לעצטער איז שוין אָנגעקומען קיין סובאַלק.

די יידישע באַפעלקערונג פון ווילנע האָט זיך שוין אויך אָנגעהויבן באַרואיקן און האָפן, אַז קיין נייע איבערקערענישן און אָקופּאַציעס שטייען שוין ניט פאָר. אמת, די ראָזע האָפענונגען, מיט וועלכע די יידן האָבן באַגעגנט די ליטווינער, האָבן שוין פאַר דער צייט אין אַ געוויסער מאָס אָפּגעבלאַקירט; דערהויפּט זיינען געווען אויפגערעגט די אַרבעטער: אַפריער די שליסונג פון דער אַרבעטערהיים אויף וואָרניע⸗גאַס און דערנאָך די אַרעסטן אין גראָסער⸗קלוב, האָבן זיי געוויזן, אַז די יונגע דעמאָקראַטישע ליטע האָט זיך זייער גיך אויסגעלערנט די מלאכה פון אונטערדריקן די אַרבעטער⸗באַוועגונג*); נאָר אויך די יידישע בירגערלעכע עלע⸗מענטן האָבן זיך זייער גיך אַנטטוישט אין זייערע האָפענונגען. אין דער צייטונגס⸗כראָניק פלעגט מען זייער אָפט לייענען וועגן דעם, אַז אין די אַנשטאַלטן רעכנט מען זיך אַחוץ מיט דער ליטווישער שפּראַך, נאָך מיט דער פּוילישער און אַן אַנדערשמאָל מיט דער ווייסרוסישער, אָבער ניט מיט דער יידישער. ניט קוקנדיק אָבער אויף דעם, האָט די יידישע באַפעלקערונג פריי אָפּגעעטעמט פאַר די זעקס וואָכן, וואָס די ליטווינער האָבן געהערשט אין ווילנע. אין שטאָט האָט זיך איינגעשטעלט אַ פולקומע רואיקייט, מען האָט ניט געדאַרפט מורא האָבן, אַז עמיצער וועט זיך אַריינרייסן אין וואוינונג און וועט טאָן, וואָס זיין האַרץ געלוסט. דאָס אַליין איז שוין געווען אַ גרויסע זאַך פאַר די אויסגעמאַטערטע איינוואוינער פון ווילנע. אַחוצדעם האָט די ירידה פון די פּרייזן אויף דערנערונגס⸗מיטלען אויך זייער גוט געווירקט אויף דער שטימונג פון דער באַפעלקערונג. דער עקאָנאָמישער צושטאַנד האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו בעסערן און מען האָט שוין געהאָפט, אַז דאָס לעבן וועט זיך סוף⸗כּל⸗סוף איינשטעלן אויף נאָרמאַלע יסודות.

די לעצטע טעג סוכּות אָבער (דעם 4 און 5 אָקטאָבער) נאָכדעם, ווי די פּאָליאַקן האָבן פאַרנומען די סט. אָראַן, איז די שטימונג אין שטאָט ווייטער געוואָרן אַ נערוועזע. אמת, אין דעם ליטווישן מיניסטעריום פאַר אויסלענדישע ענינים האָט מען פאַרזיכערט די צייטונגס⸗קאָרעספּאָנדענטן, אַז ווילנע דראָט קיין שום סכּנה ניט, אַז פון איין זייט, האָבן די פּאָליאַקן צוגעזאָגט אין זייער נאָטע צו דער אַנטאַנטע, אַז זיי וועלן אויף ווילנע ניט גיין און פון דער אַנדער זייט וועט דאָס די קאָנטראָל⸗קאָמיסיע, וועלכע זיצט אין סובאַלק, בשום אופן ניט דערלאָזן, פונדעסטוועגן האָט זיך דער עולם אויף די פאַרזיכערונגען ניט פאַרלאָזן און מען פלעגט זיך פון צייט צו צייט דורכגיין אויף געאָרג⸗פּראָספּעקט צום האָטעל „בריסטאָל", וואו עס איז געזעסן די רוסישע מיסיע, כאַפּן אַ קוק, צי האָט מען שוין אפשר ניט אַראָפּגענומען די רויטע פאָן פון באַלקאָן.

מיטוואָך, דעם 6⸗טן אָקטאָבער, האָבן זיך אין שטאָט פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז פון דער פּוילישער אַרמיי, וואָס שטייט ביי אָראַן האָבן זיך אָפּגעריסן 2 דיוויזיעס, וועלכע ווילן גיין אויף ווילנע און פּראָקלאַמירן אַ נייע מיטל⸗ליטווישע רעגירונג. די ידיעה איז געווען אַזאַ אומגעריכטע, אַז אין איין צייטונג האָט אַ מיטאַרבעטער ניט געוואָלט זי געבן ווי אַן אומגעלומפּערטע, נאָר דער רעדאַקטאָר איז באַשטאַנען מען זאָל זי יאָ אַריינשטעלן „צוליבסענסאַציע".

די לאַגע איז געוואָרן אַלץ ערנסטער, די פּאָליאַקן האָבן מיטוואָך דעם 6 אָקטאָבער אינאָוונט פאַרנומען דעם אָרט שאָסטאַקי, וואָס געפינט זיך אַ וויאָרסט 30 פון ווילנע. דער מיליטערישער פאָרשטייער פון דער ענגלישער מיסיע, ה' פ אַ ר ג י ט ע ל, און פון דער פראַנצויזישער, ה' פ י ז ש ע ל, זיינען אַרויסגעפאָרן פון ווילנע אויף אַן אַווטאָמאָביל צו די פּוילישע מיליטערישע אָפּטיילונגען, כּדי צו באַקומען פון זיי גענויע אינפאָרמאַציעס וועגן זייערע פּלענער און מאַכן זיי אויפמערקזאַם וועגן די הבטחות פון דעם פּוילישן מיניסטער ס אַ פּ ע ה אַ, אַז די פּאָליאַקן וועלן ווילנע ניט פאַרנעמען. הגם דער רעזולטאַט פון דער נסיעה פון די אויסלענדישע פאָרשטייער איז ניט געווען קיין גינסטיקער, פונדעסטוועגן האָט מען אין די ליטווישע אָפיציעלע קרייזן ניט אויפ⸗

*) די לאגע פון די ארבעטער איז אין קאָוונע גופא געווען ניט בעסער. דעם 20⸗טן סעפּטעמבער האָט דער אללִיטווישער צ. ב. פון די פּראָפ. פאַראיינען אָנגענומען א רעזאָלוציע: ווענדן זיך מיט אַן אויפרוף צום אלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט וועגן דער שווערער לאגע פון דער ליטווישער ארבעטער⸗באוועגונג.

געהערט צו באַרואיקן די פאָרשטייער פון די צייטונגען, אַז די לאַגע פון ווילנע איז ניט קיין קריטישע, אַז די קאָנטראָל=קאָמיסיע דאַרף אָנקומען קיין ווילנע, אַז די פעלקער=ליגע וועט בשום אופן ניט דערלאָזן, מען זאָל ביי די ליטווינער מיט דעם כוח פון געווער צונעמען די שטאָט וכדומה.

פרייטאָג, דעם 8=טן אָקטאָבער, איז נאָך געגאַנגען ביז האַלבן טאָג די אַרבעט אין די ווילנער ליטווישע אַנשטאַלטן רעגלמעסיק און אין דעם מיניסטעריום פאַר אויסלענדישע ענינים האָט מען די צייטונגס=קאָרעספאָנדענטן אָפיציעל איבערגעגעבן, אַז די לאַגע פון ווילנע איז מער אָדער ווייניקער אַ זיכערע. אמת, על=פי סוד האָבן די אָנגעשטעלטע אין די מיניסטעריומס זיך מודה געווען, אַז די שטימונג אין די אָפיציעלע קרייזן איז אַ אומרואיקע, פונדעסטוועגן האָבן זיי ענערגיש אָפּגעלייקנט אַלע קלאַנגען וועגן עוואַקואַציע. נאָך האַלבן טאָג אָבער האָט די רוסישע מיסיע אַראָפּגענומען די רויטע פאָן און האָט זיך אָנגעהויבן פּיבעריש פּאַקן. מען האָט איבערגעגעבן, אַז די פאָרשטייער פון די אויסלענדישע מיסיעס האָבן זיך דערוואוסט, אַז ווילנע וועט אינגיכן פאַרנומען ווערן דורך דעם פוילישן חייל, וואָס שטייט ניט ווייט פון שטאָט, און אין דער גאַנצער שטאָט האָט אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע פּאַניק. אָנגעפּאַקטע אַווטאָמאָבילן האָבן זיך געטראָגן איבער די גאַסן, די מיניסטעריומס און אַלע איבעריקע ליטווישע אַנשטאַלטן האָבן זיך אין גרויס איילעניש אין אַ פאָר שעה איינגעפּאַקט און האָבן באַוויזן אין דעם זעלבן טאָג אַרויספאָרן קיין קאָוונע. פּריוואַטע מענטשן האָבן זיך אויך אַ לאָז געטאָן צום וואָקזאַל, נאָר פאַר זיי איז שוין קיין ערטער אין די צוגן ניט געווען. גראָד אין דער צייט איז אָנגעקומען פון סאָל אַ צוג מיט היימלאָזע, וועלכע זיינען געפאָרן פון רוסלאַנד אין קאָוונער קאַנט; מען האָט געוואָלט זיי אַרויסוואַרפן פון די וואַגאָנעס, וואָס מען האָט געדאַרפט אויסנוצן אויף עוואַקואַציע. פאַרשטייט זיך, אַז צווישן די אויסגעמאַטערטע היימלאָזע איז געוואָרן אַ שרעקלעכע מהומה, אָבער סוף=כל=סוף האָט זיך איינגעגעבן איינצוריידן דעם קאָמענדאַנט פון סטאַנציע אָפּצושיקן פרייטאָג ביינאַכט די וואַגאָנעס מיט די היימלאָזע אינאיינעם מיט די וואַגאָנעס פון די עוואַקואירטע אַנשטאַלטן קיין קאָוונע.

פון קאָוונע איז אויך אַקוראַט אין דער זעלביקער צייט אָנגעקומען אַ צוג מיט פּאַסאַזשירן, וועלכע האָבן פון קיין מעשה ניט געוואוסט. אַ טייל פון די פּאַסאַזשירן זיינען געבליבן אין די וואַגאָנעס און האָבן זיך צוריקגעקערט קיין קאָוונע. די אָבער, וועלכע זיינען אַרויס אין שטאָט, האָבן שוין ניט געקענט צוקומען צום וואָקזאַל.

אין שטאָט איז דערווייל די בהלה געוואַקסן מיט יעדער מינוט. די שרעקלעכע אַפּריל=טעג פון 19=טן יאָר, ווען די אַריינטרעטנדיקע פוילישע סאָלדאַטן האָבן אָנגעטאָן אַזוי פיל צרות דער פרידלעכער יידישער באַפעלקערונג, זיינען נאָך ביי אַלעמען געווען פריש אין זכרון און טויזנטער מענטשן האָבן זיך געלאָזן אין וועג. עס זיינען געלאָפן יונגע און אַלטע, רייכע און אָרימע. מיטן באַן, פאַרשטייט זיך, האָט מען שוין ניט געקענט פאָרן, נאָר אַ קליינע צאָל האָט באַוויזן צו באַקומען פורלעך, דער גרעסטער טייל אָבער איז אַוועקגעגאַנגען צו פוס און איבער דעם גרינעם בריק האָבן זיך אַוועקגעצויגן פרייטאָג=צונאַכטס גאַנצע רייען אַנטרונענע.

פרייטאָג אינאָוונט האָט מען אויף די גאַסן פונאַנדערגעקלעפּט צווייערליי פאַראָרדענונגען: איינע פון דעם ליטווישן קאָמענדאַנט, אַז מען טאָר ניט אַרויסגיין אויף דער גאַס נאָך 8 אַ זייגער, און אַ צווייטע פון דעם באַפולמעכטיקטן פון דער ליטווישער רעגירונג, יאָנינאַס, און פראַנצויזישן פאָרשטייער, רעבול. אין דער לעצטער פאַראָרדענונג האָט יאָנינאַס ערקלערט, אַז די מאַכט גייט אַריבער אין ווילנע צו די פאָרשטייער פון דער פראַנצויזישער, ענגלישער און איטאַליענישער מיסיע אונטער דעם הויפּט=פאָרזיץ פון רעבולן, אין וועמעס רשות עס גייען אַריבער די מיליטערישע אָפּטיילונגען פון דער קאָמענדאַנטור. אויף דער זעלביקער פאַראָרדענונג אונטער יאָנינאַס אונטערשריפט איז שוין געווען אָפּגעדרוקט רעבולס, דעם נייעם מושלס פון ווילנע, אַ באַפעל (דער ערשטער און דער לעצטער), אַז אין ווילנע ווערט איינגעפירט באַלאַגערונגס=צושטאַנד, אַז אַלע פאַרזאַמלונגען, מאַניפעסטאַציעס זיינען פאַרבאָטן וכדומה.

די נאַכט פון פרייטאָג אויף שבת האָט קיין שום נייס ניט געבראַכט. שבת אינדערפרי איז נאָך געשטאַנען אויף די פּאָסטנס די ליטווישע מיליציע. אין שטאָט זיינען נאָך געווען דער ליטווישער קאָמענדאַנט און די מיסיעס פון דער אַנטאַנטע. די פאַראָרדענונגען פון יאָנינאַס און רעבול, וועלכע האָבן אין אַ געוויסער מאָס באַרואיקט דעם עולם, זיינען שוין זעלטן=וואו געווען אויף די גאַסן. פּריוואַטע פערזאָנען זיינען אַרומגעגאַנגען און האָבן אומעטום אַראָפּגעריסן די פאַראָרדענונגען. אין עטלעכע ערטער האָבן די יידן ניט געוואָלט לאָזן זיי אַראָפּרייסן און האָבן זיך געווענדט צו די מיליציאָנערן, נאָר די לעצטע האָבן זיך קאָנטיק ניט געוואָלט אַריינמישן און האָבן געזאָגט, אַז דער ליטווישער קאָמענדאַנט האָט עס געהייסן אַראָפּרייסן. אַנדערע האָבן שוין דערפאַר אָנגעהויבן צו גלויבן, אַז די לאַגע פון ווילנע האָט זיך פאַרבעסערט, אָבער ווען די צייטונגס=קאָרעספאָנדענטן זיינען געקומען צום ליטווישן קאָמענדאַנט דערוויסן זיך גענוי וועגן דער לאַגע, האָט דעם לעצטנס ענטפער: „אין אַ פאָר שעה אַרום וועט איר אַליין געוואָר ווערן!“ געקלונגען זייער פּעסימיסטיש.

אינטערעסאַנט איז געווען צו באַאָבאַכטן די שטימונג פון די אויסלענדישע מיסיעס אין דעם טאָג. אין דער ענגלישער מיסיע איז מען געווען עפּעס ווי צעטומלט און מען האָט זיך אָנטזאַגט צו שמועסן מיט די צייטונגס=קאָרעספאָנדענטן; אין דער פראַנצויזישער, פאַרקערט, איז מען געווען קאָנטיק זייער צופרידן און מען האָט באַרואיקט די קאָרעספאָנדענטן, אַז וואָס עס זאָל זיך ניט טרעפן, וועט די אָרדענונג אין שטאָט ניט ווערן געשטערט. די באַציאונג פון דער פראַנצויזישער מיסיע האָט אין אַ געוויסער מאָס באַשטעטיקט די קלאַנגען, וועלכע זיינען אַרומגעגאַנגען אין שטאָט, אַז אין דער גאַנצער נייער איבערקערעניש האָט דער פראַנצויזישער פאָרשטייער געשפּילט אַ צווייענדיקע ראָלע. עס איז אויך זייער כאַראַקטעריסטיש, אַז נאָכדעם ווי אַלע אויסלענדישע מיסיעס זיינען שוין אַרויסגעפאָרן פון ווילנע, איז אַ מיטגליד פון דער פראַנצויזישער מיסיע, ה' ק אָ מ אָ, געבליבן אין שטאָט די גאַנצע צייט.

די עוואַקואַציע פון די ליטווישע סאָלדאַטן האָט נאָך געדויערט שבת ביזן האַלבן טאָג, אַ זייגער 1—2 בייטאָג זיינען שוין קיין ליטווישע סאָלדאַטן אין די גאַסן ניט געווען; דער קאָמענדאַנט איז שוין אויך אַוועקגעפאָרן, די מיליציאָנערן זיינען ניט געוואָרן, אין מאַגיסטראַט איז קיינער ניט געווען, און אין דער מיליציע איז געבליבן איין שיכורער שומר. אויף די גאַסן איז געוואָרן פּלוצלונג פּוסט, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן אין שטאָט שיסערייען, מען האָט אָנגעהויבן פאַרשפּאַרן די טויערן, און דער עולם איז פון די גאַסן פאַרשוואונדן.

אַרום 4 אַ זייגער בייטאָג זיינען שוין אַריין אין שטאָט אַלערליי נייע מיליטערישע אָפּטיילונגען: קאַוואַלעריע, אינפאַנטעריע, אַרטילעריע, און אויף די גאַסן איז געוואָרן רואיקער. די פּוילישע באַפעלקערונג האָט מיט גרויס ענטוזיאַזם באַגריסט די „געסט“ און אויך די פאָרשטייער פון דער אַנטאַנטע, איבערהויפּט דעם פראַנצויזישן פאָרשטייער ר ע ב ו ל ן. אין די אָוואַציעס לכבוד דעם לעצטן האָבן גענומען אויך אַן אָנטייל די יידן, וועלכע האָבן גע-

רעכנט, אַז ער האָט דאָס געווירקט, אַז דער אַריינמאַרש פון דעם מיליטער זאָל דורכגיין אַזוי רואיק. רעבולן האָט מען געוואָרפן עטלעכע מאָל אין דער הויך און געשריען לכבוד אים און לכבוד פראַנקרייך „הוראַ״. די שמחה פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אָבער געווען, צום גרויס באַדויערן, אַ פריצייטיקע...

---

.II

די מורא פאַר אַ פּאָגראָם, וועלכע האָט דעם 8-טן אָקטאָבער טויזנטער יידן אַוועקגעטריבן פון ווילנע קיין קאָוונע, איז ניט געווען אינגאַנצן אָן אַ גרונד. אמת, די גרויזאַמע אַפּריל-טעג פון 1919 האָבן זיך ניט איבערגעחזרט, אָבער אויך אין אָקטאָבער פון יאָר 1920 האָט די יידישע באַפעלקערונג פון ווילנע איבערגעלעבט אַ שרעקלעכע צייט, בפרט אין די ערשטע נעכט נאָך דעם אַריינגאַנג פון דעם „מיטל-ליטווישן״ חייל. טיילווייז איז דאָס אפשר געשעען איבער דעם, וואָס די פאַרברעכער, וועלכע זיינען געזעסן אין לוקישקער טורמע, האָבן זיך באַנוצט מיטן טומל, אויסגעבראָכן די טירן פון דער טורמע און זיינען געוואָרן פריי צו טאָן זייער באַנדיטישע אַרבעט. די הויפּט-סיבה אָבער איז, פאַרשטייט זיך, געווען די דעמאָראַליזאַציע פון די סאָלדאַטן און זייער איבערצייגונג, אַז קיינער וועט זיי ניט באַשטראָפן כאַר די מעשים-תעתועים קעגן דער יידישער באַפעלקערונג.

אמת, די העכערע מאַכט איז געווען קעגן אַ יידישן פּאָגראָם, זי האָט זייער גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז פאַר איר זייער געפערלעך אין דעם קריטישן מאָמענט. דער פוילישער קאָמיטעט האָט זונטאָג דעם 10-טן אָקטאָבער אַרויסגעלאָזן אפילו אַן אויפרוף צו דער באַפעלקערונג וועגן אויסמיידן רויבערייען און אָפּהיטן די אָרדענונג. דאָס האָט מסתמא אויך געווירקט, אַז אַזאַ פּאָגראָם, ווי אין די אַפּריל-טעג 1919, איז ניט פאָרגעקומען. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט די מאַכט ניט אָנגענומען די געהעריקע מיטלען צו באַשטראָפן שטרענג די פאַרברעכער, איבערהויפּט פון מיליטער, און צו באַווייזן פּאַקטיש, אַז דאָס יידישע לעבן און גוטס איז ניט הפקר און ווערט פאַרטיידיקט אין אַ גלייכער מאָס, ווי דאָס לעבן און פאַרמעגן פון דער איבעריקער באַפעלקערונג. דערצו איז נאָך ביי די דעמאָראַליזירטע סאָלדאַטן און טיילווייז אפילו ביי די אָפיצירן געווען צו שטאַרק איינגעוואָרצלט דער באַוואוסטזיין, אַז מיט יידן קען מען טאָן, וואָס מען וויל, און אַז אין דעם ערגסטן פאַל קען מען די יידן באַשולדיקן אין באָלשעוויזם און דעמאָלט איז מען דאָך שוין אַוודאי פטור לכל הדעות.

די נאַכט פון 9 אויפן 10-טן אָקטאָבער איז געווען אַ שרעקלעכע. סאָלדאַטן און באַנדיטן, אָנגעטאָן אין מיליטערישע און ציווילע קליידער, זיינען באַפאַלן אַ סך יידישע הייזער און וואו זיי האָבן נאָר געקענט, האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אינווייניק, געראַבירט, געשלאָגן און אין אַנדערע ערטער געהרגעט אויך. גענויער וועגן די געשעענישן פון די איבערגאַנגס-טעג וועט זיין גערעדט אין אַן אַנדער אָרט פון „פנקס״, וואו עס וועלן געבראַכט ווערן אויסצוגן פון פּראָטאָקאָלן וכדומה.

פאַר די ערשטע עטלעכע טעג, ווען עס איז פאָרגעקומען די גרעסטע צאָל פאַרברעכנס קעגן דער יידישער באַפעלקערונג, זיינען אין ווילנע דערהרגעט געוואָרן 7 יידן, און ראַבירונגען אָדער גלאַט אָנפאַלן זיינען פאַררעגיסטרירט געוואָרן אַרום 80. די צאָל אָנפאַלן אויף יידן אין די דאָזיקע טעג איז געווען מסתמא אַ סך אַ גרעסערע, ווייל ניט אַלע געליטענע האָבן געמאָלדן וועגן דעם און האָבן זיך פאַררעגיסטרירט. אָבער נאָך מער, ווי די צאָל פון די אָנפאַלן, האָט געווירקט אויף דער יידישער באַפעלקערונג דער פחד, וואָס פלעגט אַרומכאַפּן אַלעמען אין די ערשטע נעכט. 8—9 אַזייגער אינאָוונט פלעגט מען פאַרשליסן טיר און טויער און זיך צוהערן מיט שרעק, צי „מען גייט שוין ניט?״.





די איינציקע האָפענונג איז געווען, אַז די טיר אָדער דער טויער זיינען גענוג שטאַרק, און די באַנדיטן וועלן זיי ניט קענען אויפרייסן, וואָרים וועגן אַ ווידערשטאַנד קעגן באַוואָפנטע סאָלדאַטן איז דאָך ניט געווען וואָס צו ריידן. פלעגט מען אַ זייגער 8 פאַרבאַריקאַדירן טיר און טויער מיט קלעצער, ברעטער, אייזנס וכדומה. אָבער אויך דאָס פלעגט ניט אַלעמאָל העלפן, ווייל די באַנדיטן פלעגן אָפט פאָדערן אין נאָמען פון דער זשאַנדאַרמעריע אָדער פּאָליציי, מען זאָל זיי עפענען די טיר און דער איבערגעשראָקענער ייד פלעגט טיילמאָל טאַקע דערשרעקן זיך און פאָלגן. אין יענע נעכט האָבן די ווילנער יידן זייער ברייט אויסגענוצט דעם קיעווער מיטל פון „מאַכן גוואַלדן״. ווען די באַנדיטן פלעגן אָנפאַלן אויף אַ הויף, פלעגט דער גאַנצער הויף אָנהייבן שרייען, קלאַפּן אין טאַצן; פלעגן אויך די שכנישע הויפן אונטערכאַפּן די קולות, און די באַנדיטן פלעגן אַוועקגיין.

נאָך דער ערשטער וואָך איז שוין געוואָרן אין שטאָט אַ סך רואיקער, אָבער דאָס איזדיעקעווען זיך פון אַ טייל פוילישן מיליטער איבער יידן האָט נאָך לאַנג געדויערט. עס זיינען געווען פאַלן, ווען מען פלעגט אויף דער גאַס אַ זעץ טאָן אַ פאַרבייגייענדיקן יידן איבערן קאָפּ און צעבלוטיקן אים, ווען מען פלעגט שלעפּן יידן אויף אַרבעט וכדומה. אין אַ רעסטאָראַן איז איינמאָל אַריין אַ יידישער מוזיקאַנט און האָט אָנגעטראָפן אויף צוויי שיכורע פוילישע אָפיצירן, וועלכע האָבן געשפּילט אין ביליאַרד. האָט איין אָפיציר געפּייניקט דעם יידן אין משך פון אַ האַלב שעה צייט פאַר די אויגן פון די איבעריקע אָפיצירן. ער האָט די גאַנצע צייט אויף אים געהאַלטן אַן אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער און געצוואונגען דעם יידן צו שטיין אויף די קני, קושן אים, ביז וואַנען דעם אומגליקלעכן האָט זיך איינגעגעבן מיט מאַטערניש אַרויסצולויפן פון רעסטאָראַן. גאַנץ אָפט פלעגן אויך פאָרקומען אָנפאַלן פון מיליטער אויף יידן אין די צוגן, וואו מען פלעגט זיי שלאָגן און אַרויסוואַרפן פון די וואַגאָנעס.

אַ שטיקל טרייסט ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין די איבערגאַנגס-טעג איז געווען די אויספאָרשונגס-קאָמיסיע, וועלכע האָט זיך געגרינדעט שוין אין די ערשטע טעג נאָך דער איבערקערעניש. דעם 11-טן אָקטאָבער האָבן די פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה, הרב רובינשטיין, ד״ר וויגאָדסקי און ד״ר שאַבאַד באַזוכט דעם גענעראַל זשעליגאָווסקי און האָבן מיט אים געהאַט אַ שמועס וועגן די געשעענישן אין שטאָט. אין דעם זעלבן טאָג האָט די קהילה צוגעשטעלט דעם גענעראַל אַ רשימה פון העכער 40 פאַררעגיסטרירטע פאַלן (צווישן זיי 6 פאַלן פון הריגות, 6 פאַלן פון פאַרוואונדעטע, איינִיקע פאַלן פון געשענדעטע). דעם 13-טן האָט די קהילה באַקומען אַ בריוו פון יוסטיץ-דעפּאַרטאַמענט, אַז די נייע ציישווייליקע רעגירונגס-קאָמיסיע האָט באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַן אויספאָרשונגס-קאָמיסיע אין וועלכער ס׳דאַרפן אַריינגיין צו איין פאָרשטייער פון מיליטער-געריכט, פון יוסטיץ-דעפּאַרטאַמענט און פון דער יידישער קהילה. די קהילה האָט באַשלאָסן צו שיקן אין דער קאָמיסיע 2 יידישע פאָרשטייער: הרב רובינשטיין און דעם געשוואָרענעם אַדוואָקאַט איזידאָר גאָרדאָן. דעם 14-טן אָקטאָבער איז די אויספאָרשונגס-קאָמיסיע שוין צוגעטראָטן צו איר אַרבעט. אַחוץ די צוויי יידישע פאָרשטייער זיינען אין דער קאָמיסיע געווען נאָמינירט: מ. יאַקובאָווסקי (און דערנאָך ווישינסקי) פון יוסטיץ-דעפּאַרטאַמענט, ד״ר גוראָ פון דער מיליטער-מאַכט און געשוו. אַדוואָקאַט ס. באָגינסקי, אַלס פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע.

די קאָמיסיע האָט פונקציאָנירט עטלעכע חדשים. לכתחילה האָט זי צוגעצויגן צו זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט; מען האָט געוואַרט, אַז זי וועט ברענגען ישועות אויף יידן, ביסלעכ-

ווייז אָבער האָט מען זיך איבערצייגט, אַז די קאָמיסיע קען גאָרנישט ניט אויפטאָן.

די רעגירונג האָט זיך באַגרעניצט נאָר דערמיט, וואָס זי האָט נאָמינירט די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע און זי האָט איר געגעבן אַן אָרט, וואו צו זיצן. דערמיט האָבן זיך כמעט געענדיקט אַלע אָפיציעלע באַציאונגען פון דער רעגירונג צו דער קאָמיסיע. קיין שום פאַראָרדענונג אָדער געזעץ וועגן דער קאָמיסיע איז ניט געווען דורכגעפירט, קיין שום קרעדיטן האָט מען אויף איר ניט אַסיגנירט. זי פלעגט מיט מאַטערניש באַקומען פון די קאַנצעלאַריעס פאַפיר און טינט; שכירות פאַר דעם סעקרעטאַר און אַנדערע הוצאות פלעגט דעקן די קהילה. די קאָמיסיע האָט ביזן סוף ניט געקענט פעסטשטעלן אירע רעכט און אירע התחייבותן, איבער אַ פשוטן שכל, ווייל אין תוך האָט זי טאַקע קיין שום רעכט ניט געהאַט. מען האָט געשאַפן די קאָמיסיע כדי צו באַרואיקן די יידישע באַפעלקערונג, און מער האָט מען וועגן איר ניט געזאָרגט. מען פלעגט די פאָרשטייער פון דער קאָמיסיע שטענדיק זייער העפלעך אויפנעמען, און די יידישע פאָרשטייער פלעגן טאַקע טאָג=טעגלעך גיין צום גען. זשעליגאָווסקי, צום קאָמענדאַנט, אין דער זשאַנדאַרמעריע. אומעטום פלעגט מען זיי זייער אויפמערקזאַם אויסהערן, צוזאָגן זיי, אַז אַלע זייערע וואונטשן וועלן ערפילט ווערן, און דערמיט פלעגט מען יוצא זיין. אמת, אין שטאָט איז טאַקע מיט דער צייט געוואָרן רואיקער, אָבער דאָס איז געווען אַ סך מער אַ פועל=יוצא דערפון, וואָס דאָס לעבן איז אין אַלגעמיין אַריין אין די געוויינלעכע ראַמען, וואָס עס האָבן אָנגעהויבן רעגלמעסיק צו פונקציאָנירן די פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע. אויף וויפיל אָבער דאָס איז צוגעגאַנגען לאַנגזאַם באַווייזט אַ שמועס, וואָס דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע האָט געהאַט שוין אין אַ וואָכן אָנדערהאַלבן אַרום נאָך דער איבערקערעניש מיט אַ צייטונגס=קאָרעספּאָנדענט. דער שעף האָט אָנגעוויזן, אַז די ווילנער מיליציע האָט זייער אַ סך חסרונות, אַז „ביי די מיליציאָנערן האָט מען געפונען געראַבירטע זאַכן". אינטערעסאַנט איז אויך געווען די באַמערקונג פון דעם שעף, אַז עס וואָלט זיין זייער געוואונטשן, די אויספאָרשונגס=קאָמיסיע זאָל איבערגעבן דער זשאַנדאַרמעריע די רשימות פון די אַלע קרימינעלע פאַרברעכער, וועלכע זיינען אַנטלאָפן שבת, דעם 9 אָקטאָבער, פון לוקישקער טורמע. ניט קיין שלעכטע אָרדענונג, ווען די זשאַנדאַרמעריע וויל באַקומען די רשימות פון פאַרברעכער דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ קאָרעספּאָנדענט ביי דער אויספאָרשונגס=קאָמיסיע, וועלכע האָט זיי אגב ניט געהאַט און אפשר גאָר ניט געקענט האָבן!

אינטערעסאַנט זיינען אויך געווען די הייסע וויכּוחים, וואָס די מיטגלידער פון דער אויספאָרשונגס=קאָמיסיע האָבן געפירט מיט דער געהעריקער מאַכט וועגן די ביינאַכטיקע אונטערזוכונגען און וועגן די ביינאַכטיקע געשרייען פון די איינוואוינער. די פאָרשטייער פון דער מאַכט פלעגן זיין ברוגז, וואָס די באַפעלקערונג נעמט זיי צו פאַר באַנדיטן און וויל זיי ניט אַריינלאָזן ביידערנאַכט, ווען זיי גייען אויף אַן אונטערזוכונג. די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע פלעגן אָבער טענהן, אַז די באַנדיטן רייסן זיך אָפט טאַקע אַריין מיט דעם אויסרייד, אַז זיי זיינען געקומען לויט אַ באַפעל פון פּאָליציי אָדער פון זשאַנדאַרמעריע. די פשרות וואָס מען פלעגט אויסאַרבעטן דערביי, פלעגן אויך אָפטמאָל סותר זיין איינע די אַנדערע. דער קאָמענדאַנט פלעגט זאָגן: מען דאַרף אַריינלאָזן נאָר די פּאַטרולן, וואָס האָבן אַן אָרדער פון אים; דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע אָבער האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף אַריינלאָזן נאָר מיט אָרדערן, וועלכע האָבן זיין (דעם שעפס) אונטערשריפט און אויף דעם לינקן ווינקל אַ פירעקעכדיקן שטאַמפּ פון דער זשאַנדאַרמעריע; אַזאַ אָרדער דאַרף מען באַווייזן דורך אַ שפּאַלט פון טיר! אַז=אָך און וויי איז געווען צו דעם איינוואוינער, אַפילו ווען אין זיין טיר איז שוין געווען אַ שפּאַלט, צו קוקן אַן איבערגעשראָקענער אויף טויט אונטער די ביקסן פון די סאָלדאַטן, צי האָט דער אָרדער אויפן לינקן ווינקל אַ שטאַמפּ צי ניט!

אויך פלעגט די מאַכט זיין זייער ניט צופרידן מיט די געשרייען, וואָס די איינוואוינער פון די הויפן פלעגן אויפהייבן, ווען זיי פלעגן זיך דערשרעקן פאַר באַנדיטן: אינמיטן נאַכט מאַכט מען אַ גערודער אויף דער גאַנצער שטאָט! דערפאַר, אַז די מיליציע פלעגט אויף די געשרייען קומען און פלעגט די באַנדיטן ניט געפינען (ווייל יענע, פאַרשטייט זיך, פלעגן זיך שוין לאַנג צעלויפן), פלעגט מען אַרעסטירן די שרייער. סוף=כל=סוף זיינען די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע געקומען מיט די פאָרשטייער פון דער מאַכט צו אַזאַ קאָמפּראָמיס: היות ווי די געשרייען זיינען אָפטמאָל דער איינציקער מיטל קעגן די באַנדיטן און אַזוי ווי מען קען בכלל ניט פאַרבאָטן מענטשן צו שרייען, ווען זיי זיינען איבערגעשראָקן — מעג מען שרייען, אָבער... מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק און שרייען נאָר דאַן, ווען עס איז פאַראַן אַ ווירקלעכע סכנה!...

דערפון זעט מען, אַז עפּעס וואָס פלעגט די קאָמיסיע פונדעסטוועגן יאָ אויפטאָן. עס זיינען אויך געווען פאַלן, ווען לויט די פאָרשלאָגן פון דער קאָמיסיע פלעגט די געהעריקע מאַכט מאַכן אויספאָרשונגען; די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע פלעגן אַנדערשמאָל אַליין אויך פאָרן אויף אונטערזוכונגען, ווי למשל, אין דער שטעטל רודזישקי, וואו די יידן האָבן אַ סך געליטן פון די סאָלדאַטן.

אויך האָט די אויספאָרשונגס=קאָמיסיע, לויט דעם פאָרשלאָג פון די יידישע פאָרשטייער, אויפגעהויבן די פראַגע וועגן דעם, אַז די רעגירונג זאָל אַרויסלאָזן אַן ערקלערונג בנוגע די עקסצעסן קעגן יידן. הגם די רעגירונג האָט דערויף מסכים געווען, פונדעסטוועגן איז די ערקלערונג, ערשטנס, אַרויסגעקומען ווייט ניט אַזאַ קאַטעגאָרישע, ווי די יידישע פאָרשטייער האָבן פאָרגעלייגט, און, צווייטנס, איז זי אַרויסגעגעבן געוואָרן אין נאָמען ניט פון דער רעגירונג, נאָר פון דעם דעפּאַרטאַמענט פאַר אינווייניקסטע ענינים.

סוף=כל=סוף האָט זיך די קאָמיסיע פאַרוואַנדלט בלויז אין אַ ביוראָ פאַר יורידישע קאָנסולטאַציעס, וואו מ'פלעגט דער באַפעלקערונג געבן אומזיסטע עצות, וואוהין מען דאַרף זיך ווענדן און וואָס דאַרף מען טאָן אין דעם אָדער יענעם פאַל.

דער הויפּטציל, וואָס די קאָמיסיע האָט זיך געשטעלט: — מיטצווירקן, אַז אַלע פאַרברעכערישע פאַלן זאָלן ווערן גענוי אויסגעפאָרשט, די פאַרברעכער, אין וועלכע קליידער זיי זאָלן ניט זיין אָנגעטאָן: אין ציווילע אָדער אין מיליטערישע, זאָלן, ווי ווייט מעגלעך איז, אָפּגעזוכט און באַשטראָפט ווערן, כדי די באַפעלקערונג זאָל זיך איבערצייגן, אַז יידן זיינען ניט געשטעלט געוואָרן אויסער דעם געזעץ און יעדע מוטוויליקייט קעגן זיי ווערט שטרענג פאַרפאָלגט, איז, צום גרויסן באַדויערן, ניט דערגרייכט געוואָרן.

די אויספאָרשונגס=קאָמיסיע האָט איבערגעגעבן דער געהעריקער מאַכט פּראָטאָקאָלן וועגן העכער 150 פאַרברעכערישע פאַלן און ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אין אַ סך פאַלן זיינען אָנגעגעבן געוואָרן גענויע פּרטים, וועלכע האָבן זיך געלאָזט גרינג פעסטשטעלן, האָט די קאָמיסיע די גאַנצע צייט ניט באַקומען כמעט קיין שום ידיעות, צי האָט מען עפּעס געטאָן וועגן די פאַלן, צי האָט מען עמיצן אַרעסטירט, הגם זי פלעגט וועגן דעם אָפט אָנפרעגן. ווי מען גיט איבער זיינען בלויז אַ פינף פאַלן דערגאַנגען צום געריכט!

איינער, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו דער אויספאָרשונגס=קאָמיסיע, האָט זייער ריכטיק געזאָגט וועגן דער באַציאונג פון דער מאַכט בנוגע דער באַקעמפונג פון די פאַרברעכערישע אַרויס-

טרעטונגען קעגן די ייִדן: „זי האָט ניט געוואוסט, ווי דאָס דורכצופירן, זי האָט קיין כוח ניט געהאַט דאָס צו טאָן, און עס קען גרייִלעך זיין, אַז קיין חשק אויך ניט".

---

### .III

שבת, דעם 9=טן אָקטאָבער, און אַפילו זונטאָג, דעם 10=טן, האָבן די איינוואוינער פון ווילנע נאָך ניט געוואוסט גענוי, וואָס איז דאָ אייגנטלעך פאָרגעקומען, עס זיינען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען אין שטאָט, אַז פון דער פוילישער אַרמיי האָבן זיך אָפּגעריסן אייניקע אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אויף ווילנע אויף זייער אייגענער אחריות. ערשט מאָנטאָג, דעם 11=טן אָקטאָבער, זיינען אין די גאַסן פונאַנדערגעקלעפּט געוואָרן צוויי דעקרעטן (נום. 1 און נום 2) פון דעם אייבערקאָמאַנדיר איבער דעם מיטל=ליטווישן מיליטער, גענעראַל זשעליגאָווסקי. אין דעם ערשטן דעקרעט איז געשטאַנען געשריבן: „די העכסטע מאַכט אויף דער טעריטאָריע פון מיטל=ליטע נעם איך אויף זיך, אַלס אייבערקאָמאַנדיר איבער דעם מיטל=ליטווישן מיליטער. אַלס אויספיר=אָרגאַן פון דער העכסטער מאַכט וועט דורך מיר גערופן ווערן אַ צייטווייליקע רעגירונגס=קאָמיסיע. אַלע דעקרעטן וועלן פאַרעפנטלעכט ווערן מיט מיין אונטערשריפט און קאָנטראַסיגנירט ווערן דורך דעם געהעריקן דירעקטאָר פון דעם דעפּאַרטאַמענט פון דער צייטווייליקער רעגירונגס=קאָמיסיע. די מלוכה=טעריטאָריע פון מיטל=ליטע ווערט באַשטימט לויט די גרעניצן פון ליטוויש=באָלשעוויסטישן אָפּמאַך פון 12 יולי 1920 און לויט דער פויליש=ליטווישער דעמאַרק=ליניע פון סעפּטעמבער 1920. אַלס הערב פון מיטל=ליטע באַשטים איך דעם צייכן פון אָדלער און ריטער. אַ רויטע פאָן מיט אַן אָדלער און אַ ריטער ווערט באַשטימט אַלס מלוכה=פאָן. אַלע דעקרעטן פאַרלירן זייער ממשות, אייב זיי וועלן ניט צוגעשטעלט ווערן צום גרינדונג=סיים פון ליטע אין דעם טאָג, ווען ער וועט געעפנט ווערן". אין דעם צווייטן דעקרעט איז נאָמינירט געוואָרן די צייטווייליקע רעגירונגס=קאָמיסיע אין אַזאַ צוזאַמענשטעל: דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פאַר לאַנדשוץ פּאָלקאָווניק לעאָן באָביצקי, פאַר אויסלענדישע ענינים — יערזשי איוואַנאָווסקי, פאַר אינווייניקסטע ענינים — וויטאָלד אַבראַמאָוויטש, פאַר אַרבעט און סאָציאַלער פאַרזאָרגונג — מעטשיסלאַוו ענגעל, פאַר אַפּראָוויזאַציע — וואַצלאַוו איוואַנאָווסקי, פאַר האַנדל און אינדוסטריע — טעאָפיל שאָפּאַ, פאַר קאָמוניקאַציע און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט — אַלעקסאַנדער זאַשטאָווט. די דירעקטאָרן פון פיר דעפּאַרטאַמענטן: פינאַנסן, בילדונג, יוסטיציע, לאַנדווירטשאַפט און וועלדער זיינען דערווייִלע ניט באַשטימט געוואָרן, און זייערע פונקציעס זיינען צייטווייליק צעטיילט געוואָרן צווישן די דירעקטאָרן פון אַנדערע דעפּאַרטאַמענטן. פאַר אַ צייטווייליקן פאָרזיצער פון דער רעגירונגס=קאָמיסיע איז שפּעטער באַשטימט געוואָרן וויטאָלד אַבראַמאָוויטש, דער דירעקטאָר פאַר אינווייניקסטע ענינים.

פאַרשטייט זיך, אַז דער ערשטער דעקרעט האָט געקענט אַרויסרופן אַ סך קשיות: ערשטנס, פון וואַנען איז אויסגעוואַקסן מיטל=ליטוויש מיליטער, איידער די נייע מלוכה „מיטל=ליטע" איז געשאַפן געוואָרן? — צווייטנס איז געווען שווער צו פאַרשטיין, ווי אַזוי קען מען באַשטימען אַ טעריטאָריע פון אַ מלוכה דורך אָפּמאַכן פון מלוכות (דעם ליטוויש=באָלשעוויסטישן און דעם פויליש=ליטווישן), קעגן וועלכע אייגנטלעך די נייע מדינה טרעט דאָך אַזוי שאַרף אַרויס. אויך איז אין די אויפרופן פון דער נייער מאַכט גאָרנישט געווען געזאָגט וועגן די סיבות, וועלכע האָבן די איבערקערעניש אַרויסגערופן, וועגן די אויפגאַבן פון דער נייער מאַכט וכדומה (וועגן דעם האָט גענ. זשעליגאָווסקי גערעדט ערשט



שפּעטער דעם 16=טן אָקטאָבער אויף דער פייערלעכער זיצונג פון דער רעגירונגס=קאָמיסיע). קיינער אָבער האָט ניט געפרעגט קיין קשיות און האָט ניט געזוכט קיין תירוצים. די לאַגע איז געווען קלאָר. די פּאָליאַקן, ווי די אָרטיקע, אַזוי אויך פון קרוין=פּוילן, זיינען געווען זייער ניט צופרידן, וואָס דער ווילנער קאַנט גייט אַריבער צו ליטע, כּל=זמן אָבער די מיליטערישע לאַגע פון פּוילן איז ניט געווען קיין פעסטע, האָבן זיי וועגן ווילנע ניט געטראַכט און זיך אַפילו פון איר מייאש געווען. אָבער אַז זיי האָבן אָנגעהויבן טרייבן די באָלשעוויקעס אַלץ ווייטער, האָבן זיי שטאַרק חרטה געקראָגן, וואָס זיי האָבן זיך אין ספּאַ פאַר די מערב=אייראָפּעאישע מלוכות אָפיציעל אַנטזאַגט פון ווילנע. דאָס פּוילישע חייל האָט זיך אַלץ נעענטער צוגערוקט צו ווילנע, אַזוי ווי אין דעם סיכסוך האָט זיך אָבער אַריינגעמישט די פעלקערליגע, און פאַרנעמען ווילנע איז געוואָרן אוממעגלעך איבער דיפּלאָמאַטישע טעמים, האָט זיך „אָפּגעריסן" דער גענ. זשעליגאָווסקי, געמאַכט אַ „בונט", פאַרנומען ווילנע אין דעם נאָמען פון מיטל=ליטווישן מיליטער און געשאַפן די נייע מלוכה „מיטל=ליטע". עס איז ניט אַזוי וויכטיק, צי איז גענ. זשעליגאָווסקי לכתחילה אַרויסגעטראָטן טאַקע על דעת עצמו, אָדער ער איז פון אָנהייב אָן געווען אינספּירירט פון וואַרשע, וויבאַלד פּוילן האָט פון דעם ערשטן טאָג אָן גענומען מיטל=ליטע אונטער איר שוץ און פלעגט זי באַזאָרגן מיט אַלץ, וואָס איז נאָר געווען נייטיק.

אינטערעסאַנט איז, אַז אָפיציעל האָט מען די ערשטע טעג געוואָלט פונדעסטוועגן באַטאָנען, אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַ „בונט". אַזוי האָט פאָרגעשטעלט די לאַגע דער הויפּט=קאָמאַנדיר איבער גענ. זשעליגאָווסקי, גענעראַל סיקאָרסקי, אין זיין ראַפּאָרט, וואָס ער האָט צוגעשיקט קיין וואַרשע, בעטנדיק די געהעריקע פאַראָרדענונגען וועגן דעם, וואָס ער האָט צו טאָן. פאַרשטייט זיך, אַז קיין שום פאַראָרדענונגען וועגן באַשטראָפן דעם גענ. זשעליגאָווסקין האָט גענ. סיקאָרסקי פון וואַרשע ניט באַקומען און דער פּוילישער פּרעמיער, וויטאָס, האָט שוין דעם 14=טן אָקטאָבער אין וואַרשעווער סיים אָפן ערקלערט, אַז אַלע אַרויסטרעטונגען פון וועלכן ס'איז צד צו פאַרכאַפּן ווילנע און ווילנער קאַנט (מיט אַנדערע ווערטער אַלע אַרויסטרעטונגען קעגן גענ. זשעליגאָווסקי), וועט די פּוילישע רעגירונג רעכענען פאַר אַ פאַרשווערונג פון דעם רעכט פאַר זעלבסטבאַשטימונג פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג און וועט ענערגיש פּראָטעסטירן קעגן יעדער אָקופּאַציע פון די דאָזיקע געגנטן.

אמת, דער פּוילישער פאָרשטייער, פּאַדערעווסקי, האָט אויף די פאָרוואורפן פון לעאָן בורזשואַ, דעם פאָרזיצער פון דער פעלקער=ליגע, געפּרובט זיך פאַרענטפערן דערמיט, אַז ווילנע האָבן פאַרנומען ניט קיין פּוילישע אָפּטיילונגען, נאָר די ליטוויש=ווייסרוסישע דיוויזיע, וועלכע האָט זיך אַנטזאַגט צו פאָלגן דער העכערער אַרמיי=קאָמאַנדע. אָבער דערנאָך, ווען ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבן אַרויסגעשיקט פּוילן אַ נאָטע, אַז פּוילן זאָל זיך פולשטענדיק אַנטזאַגן פון גענ. זשעליגאָווסקין, האָט פּוילן, לויט אַ אינפאָרמאַציע פון דער צייטונג „טיימס", געענטפערט, אַז ענגלאַנד און פראַנקרייך וועלן ניט אויסנוצן די שווערע לאַגע פון פּוילן, ראַטנדיק איר אָפּצוזאָגן זיך פון ווילנע. נאָכמער, ווי „קוריער לוואָווסקי" האָט איבערגעגעבן, האָט דער פּוילישער מלוכה=שעף פּילסודסקי אַפילו אונטערגעשטרייכט אין זיין ענטפער, אַז אויב מען וועט וועלן אָפּגעבן ווילנע די ליטווינער, ניט אָנפרעגנדיק ביי דער באַפעלקערונג, וועט ער זיין געצוואונגען זיך אַנטזאַגן פון זיין אַמט. דאָס האָט בלי=ספק געווירקט, אַז די אַנטאַנטע זאָל ניט אָננעמען קיין אַנטשיידענע טריט קעגן גענ. זשעליגאָווסקיס אַקציע.

אָבער אין וואַרשע גופא זיינען געווען געוויסע חילוקי=דעות

צווישן די אָנפירנדיקע פּאַרטייען בנוגע צו דעם קומענדיקן גורל פון ווילנער קאַנט. מיט דער אַקציע פון געג. זשעליגאָווסקי זיינען, פּאַרשטייט זיך, געווען צופרידן אַלע פּוילישע פּאַרטייען. דאָס האָט באַוויזן די זיצונג פון וואַרשעווער שטאָטראַט, וועלכע איז פאָרגעקומען באַלד נאָכדעם, ווי געג. זשעליגאָווסקי האָט פאַרנו־מען ווילנע. אויף דער זיצונג האָט מען א יי נ ש ט י מ י ק אויס־געוויילט געג. זשעליגאָווסקין פאַר אַ ערנבירגער פון וואַרשע. אמת, אָנגעבנדיק אַלס מאָטיוו ניט זיין ווילנער אַקציע, נאָר זיינע פריערדיקע פאַרדינסטן. מיט די ווייטערדיקע שריט אָבער פון דער „מיטל־ליטווישער" רעגירונג זיינען שוין אין וואַרשע ניט אַלע געווען צופרידן. די רעכטע פּאַרטייען, וועלכע האָבן אַ מערהייט אין וואַרשעווער סיים, זיינען געשטאַנען אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז „דער מאָר האָט זיין אַרבעט געטאָן, דער מאָר קען גיין". זיי האָבן געוואָלט, אַז מיט „מיטל־ליטע" זאָל מען וואָס גיכער אַ סוף מאַכן און מען זאָל דעם גאַנצן קאַנט פּשוט פאַראייניקן מיט פּוילן. „זשעטשפּאָספּאָליטאַ", די איינפלוסרייכסטע צייטונג פון די רעכטע פּוילישע פּאַרטייען, האָט שוין אַ פּאָר טעג נאָך געג. זשעליגאָוו־סקיס אַקציע געטענהט, אַז „מיטל־ליטע" וועט ברענגען בלויז שאָדן דער פּוילישער זאַך, אויב זי וועט זיך באַלד ניט פאַראייניקן ענג מיט פּוילן. די רעכטע פּאַרטייען האָבן די גאַנצע צייט ניט געוואָלט הערן פון קיין שום פאַרשטענדיקונג מיט דער קאָוונער רעגירונג, פון קיין שום פעדעראַציע. ערשטנס וואָלט זיך דאָך דעמאָלט אויפגעהויבן די פראַגע וועגן גלייכבאַרעכטיקונג פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן אין די גרעניצן פון דער קומענדיקער פעדעראַ־טיווער מלוכה און דאָס וואָלט געבראַכט, לויט זייער מיינונג, אַ גרויסע סכנה פאַרן פּוילנטום בכלל. צווייטנס, האָבן זיך די ענדע־קעס ניט געוואָלט כלל אַריינלאָזן אין גרויסע אַוואַנטיורעס. וויל־נער קאַנט פאַראייניקן מיט פּוילן—דאָס איז בדיעבד דווקא אַ גוטע זאַך, אָבער אַריינגיין אין אַ פעדעראַציע מיט גאַנץ ליטע—דאָס איז שוין צו פיל, בפרט, אַז דער גורל פון ליטע איז נאָך כלל ניט באַשטימט ענדגילטיק, ליטע איז נאָך ניט אָנערקענט געוואָרן פון דער אַנטאַנטע און רוסלאַנד קען נאָך מיט דער צייט האָבן אויף איר פּרעטענזיעס.

פאַרקערט, די לינקע פּוילישע פּאַרטייען, וועלכע שטייען אין נאָענטע באַציאונגען מיט דעם מלוכה־שעף, פּילסודסקין, וואָלטן זייער גערן געגאַנגען אויף אַן ענגער פעדעראַציע מיט גאַנץ לי־טע, און דערפאַר טאַקע האָבן זיי גאָרנישט געהאַט קעגן דער אָרגאַניזאַציע פון אַ זעלבשטענדיקער „מיטל־ליטע".

אַזוי ווי די פעדעראַליסטן האָבן בלי שום ספק געשפּילט זייער אַ גרויסע ראָלע אין געג. זשעליגאָווסקיס אַקציע (זיין אַד־יוטאַנט, ה' פ ר י ס ט אָ ר, איז אַ באַוווּסטער פ. פ. ס.), האָבן זיי אין דער ערשטער מיטל־ליטווישער רעגירונגס־קאָמיסיע געהאַט אַ גרעסערע השפּעה, ווי די ענדעקעס. אגב האָט מען צוליב פּאָלי־טישע טעמים ניט געקאָנט איבערגעבן די מאַכט אין מיטל־ליטע אין די הענט פון די ענדעקעס, ווייל די דירעקטע פאַראייניקונג פון ווילנע מיט פּוילן וואָלט געוויס געקענט פירן צו אַ קאָנ־פליקט צווישן פּוילן און דער פעלקער־ליגע, וואָס וואָלט גע־קאָנט זייער שלעכט ווירקן אויף די אינטערעסן פון דער פּוילישער מלוכה.

דאָס אַלץ האָט געבראַכט דערצו, אַז „מיטל־ליטע" איז גע־וואָרן אַ „זעלבשטענדיקע" מלוכה און אַלס פאָרזיצער פון דער רעגירונגס־קאָמיסיע איז באַשטימט געוואָרן וו. אַבראַמאָוויטש, אַ דעמאָקראַט און אַ „קראַיאָוועץ". די „קראַיאָווצעס" אין זייער צייטונג „גאַזעטאַ קראַיאָוואַ" זיינען געשטאַנען די גאַנצע צייט פאַר אויפבויען אַ גרויסע ליטע מיט דער הויפּטשטאָט ווילנע און זיי האָבן געוואָלט, אַז אין דער גרויסער ליטע זאָלן אַריינגיין וואָס מער ערטער מיט פּוילישער באַפעלקערונג, כדי די פּאָליאַקן זאָלן קענען שפּילן אין דער קינפטיקער מלוכה אַ באַדייטנדע, אויב ניט די גרעסטע ראָלע.

איבערדעם אויך האָט מען פון אָנהייב אָן אָרגאַניזירט אַזוי פיל דעפּאַרטאַמענטן, וועלכע האָבן געדאַרפט מאַכן אַן איינדרוק פון אמתע מיניסטעריומס.

געג. זשעליגאָווסקי האָט דעם 16־טן אָקטאָבער אויף דער ערשטער פייערלעכער זיצונג פון דער רעגירונגס־קאָמיסיע אין זיין רעדע אַרויסגעשטעלט זייער אַ ברייטע און אַ דעמאָקראַטישע פּראָגראַם פאַר דער קומענדיקער טעטיקייט פון דער רעגירונג: די גרעסטע אַרבעט, האָט ער געזאָגט, וועט מוזן אַנטוויקלען דער דעפּאַרטאַמענט פאָר אויסלענדישע ענינים, וועלכער וועט דאַרפן איינשטעלן נאָרמאַלע באַציאונגען מיט די אייראָפּעאישע מלוכות בכלל און מיט פּוילן בפרט. אַחוצדעם האָט דער געג. זשעלי־גאָווסקי גערעדט וועגן דער אַגראַר־רעפאָרם, וועגן דער פּערזענ־לעכער אומבאַרירלעכקייט פון די בירגער וכדומה. אויך האָט דער גענעראַל פאַרזיכערט, אַז אַלע נאַציאָנאַליטעטן אָן שום יוצא־מן־הכלל וועלן האָבן גלייכע רעכט, סיי בנוגע דער שפּראַך און סיי בנוגע אַלע איבעריקע קולטורעלע באַדערפענישן.

וו. אַבראַמאָוויטש, וועלכער האָט גערעדט נאָך געג. זשעלי־גאָווסקי, האָט אויך באַטאָנט, אַז עס דאַרף אומבאַדינגט איינגע־פירט ווערן אַן אמתע דעמאָקראַטישע מלוכה־אָרדענונג, און די דרינגלעכסטע אויפגאַבע פון דער רעגירונג דאַרף זיין—צונויפרופן דעם גרינדונג־סיים.

עס איז אָבער געווען אַ סך גרינגער פּראָקלאַמירן די אַלע גוטע זאַכן, ווי דורכפירן זיי אין לעבן.

ערשטנס איז פאַר אַלעמען קלאָר געווען די דעקאָראַטיווע „זעלבשטענדיקייט" פון מיטל־ליטע. די נייע מלוכה האָט די גאַנצע צייט ניט געקענט אַפילו פעסטשטעלן אירע גרעניצן. זי האָט אייגנטלעך פּרעטענדירט אויף אַ גאַנץ גרויסן שטח: אויף ווילנער, טראָקער, סווענציאַנער, בראַסלאַווער, אָשמענער, לידער און גראָד־נער קרייזן, נאָר אַ טייל פון די ערשטע דריי קרייזן זיינען געווען מלחמה־פעלצער, און גראָדנער, לידער, בראַסלאַווער און אַ טייל פון אָשמענער קרייז (וואָלאָזשינער באַצירק) זיינען געווען פאַר־נומען מיט פּוילישן חייל, וואָס פלעגט אָפטמאָל ניט דורכלאָזן קיין דערנערונגס־מיטלען קיין ווילנע. אַפילו אין ווילנער קרייז גופא האָט זיך געטראָפן, אַז דעם ווילנער פאַרבאַנד פון די קאָאָ־פּעראַטיוון האָט מען ניט ערלויבט אין וואָרניאַנער גמינע איינצו־קויפן פּראָדוקטן, ווייל די גמינע געהערט צו פּוילן און ניט צו מיטל־ליטע.

אויב מען זאָל רעכענען פאַר מיטל־ליטע די טעריטאָריע, וואָס איז געווען אין די הענט פון געג. זשעליגאָווסקיס מיליטער, האָט זי אינגאַנצן פאַרנומען אַ שטח פון ווייניקער ווי צוויי קרייזן.

אָבער אפילו אויף דער דאָזיקער קליינער טעריטאָריע האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געקענט זיין קיין שום רייד וועגן אַ זעלב־שטענדיקער מדינה, ווייל אַלצדינג פלעגט די „מדינה" באַקומען פון פּוילן, אָנהייבנדיק פון טראַנספּאָרט־מיטלען און אויסגעלאָזט מיט מיליטער. הגם דאָס מיליטער האָט געהייסן „מיטל־ליטווישע", אין דער אמתן אָבער איז צווישן די סאָלדאַטן אַ גרויסע צאָל און אפשר טאַקע די גרעסטע מערהייט געווען געבאָרענע אין אַלערליי ערטער פון פּוילן: וואַרשע, קאַליש, לאָמזשע וכדומה. דערינען פלעגט זיך קענען איבערצייגן יעדער ווילנער איינוואוינער, וועל־כער פלעגט אָנהייבן אויספרעגן די סאָלדאַטן פון וואַנען זיי שטאַמען.

פאַרשטייט זיך, אַז פינאַנציעלע מיטלען פלעגט מיטל־ליטע אויך באַקומען אויסשליסלעך פון פּוילן, בתורת „אויסלענדישע הלוואה".

ביי אַזעלכע באַדינגונגען האָט מיטל=ליטע ניט געקענט פירן אַ פּאָליטיק, וועלכע זאָל זיין מער אָדער ווייניקער אומאָפּהענגיק פון וואַרשע. די גאַנצע טעטיקייט פון דעם דעפּאַרטאַמענט פאַר אויסלענדישע ענינים, וואָס די וויכטיקייט אירע האָט געג. זשעליגאָווסקי אונטערגעשטרייכט אין זיין ערשטער רעדע, איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט, י. איוואַנאָווסקי, פלעגט אַלע ווײַלע פאָרן קיין וואַרשע (איינמאָל איז ער אפילו געפלויגן אַהין אויף אַן אַעראָפּלאַן) דורכצורײדן זיך וועגן דער פּאָליטישער לאַגע. דער גאַנצער דעפּאַרטאַמענט פלעגט מאַכן אַ קאָמישן איינדרוק. ער האָט פאַרנומען אַ פּראַכטפולע דירה אויף געאָרג=פּראָספּעקט 9, און אַז מען פלעגט אַריינגיין אַהינצו, פלעגט מען דאָרטן אַלעמאָל געפינען די אָנגעשטעלטע זיצן ביי די טישן און לייענען צייטונגען, ווייל טאָן איז אַבסאָלוט ניט געווען וואָס. דאָס אייגענע איז אויך געווען אין עטלעכע אַנדערע דעפּאַרטאַמענטן, למשל, אין דעם אַרבעטס=דעפּאַרטאַמענט אָדער אין דעם דעפּאַרטאַמענט פאַר קאָמוניקאַציע און געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן. דאָס זיינען אַלץ געווען דעפּאַרטאַמענטן מיט גאַנץ פיינע שילדן, וואָס פלעגן אָבער כמעט גאָרנישט טאָן.

צוקוקנדיק זיך צו דער אינווייניקסטער אַרבעט פון דער „מיטל=ליטווישער מלוכה", האָט מען בכלל געזעען קלאָר, אַז זי האָט זיך געקענט פאַרנעמען בלויז מיט אָרטיקע פראַגן, וועלכע האָבן ניט קיין פּאָליטישע באַדייטונג (ווי פּאָליציי, אַפּראָוויזאַציע, יוסטיציע, האַנדל) און אויך דערין האָט זי געקענט אויפטאָן עפּעס בלויז לויט דעם מוסטער פון וואַרשע. וואָס איז אָבער שייך דער אַרויסגעבונג פון געזעצן וועגן וויכטיקערע פראַגן, ווי צ. ב. וועגן גלייכבאַרעכטיקונג פון שפּראַכן, וועגן דער אַגראַר=רעפאָרם, וועגן מיטל=ליטווישער בירגערשאַפט וכדומה, איז הגם מען האָט זיך דערמיט אַ לאַנגע צייט פאַרנומען און אויסגעאַרבעט אַלערליי פּראָיעקטן, איז דערפון כמעט גאָרנישט אַרויסגעקומען.

די „מיטל=ליטווישע" רעגירונג, הגם זי האָט די גאַנצע צייט אונטערגעשטרייכט, אַז זי רעפּרעזענטירט די אָרטיקע באַפעלקערונג, האָט אין דער אמתן ניט געהאַט כמעט קיין שום וואָרצלען אפילו אין דער ווילנער פּוילישער באַפעלקערונג.

ווי עס האָבן געוויזן די וואַלן אין דער שטאָט=פאַרוואַלטונג, האָבן צווישן די פּאָליאַקן אין ווילנע די גרעסטע השפּעה געהאַט די ענדעקעס, וועלכע האָבן דורכגעפירט אין שטאָטראַט 31 פאָרשטייער, אין דער צייט וואָס די פּ. פּ. ס. האָבן דורכגעפירט 2 און די דעמאָקראַטן בסך=הכל 1.

פאַרשטייט זיך דעריבער, אַז אַזאַ רעגירונג, וועלכע האָט, ווי מיר האָבן שוין פריער געשריבן, געהאַט בראש אַ דעמאָקראַט און דאָס רוב פון וועלכער זיינען געווען פעדעראַליסטן, האָט ניט געקענט אימפּאָנירן די רעכטע פּוילישע עלעמענטן, און מיר זעען טאַקע, אַז דער ווילנער מאַגיסטראַט און דער ווילנער אוניווערסיטעט, די וויכטיקסטע פּוילישע אינסטיטוציעס אין ווילנע, האָבן זיך לחלוטין ניט גערעכנט מיט דער „מיטל=ליטווישער" רעגירונג.

אויף וויפיל דער מאַגיסטראַט האָט ניט געהאַט קיין שום אַכטונג פאַר דער נייער „רעגירונג", קען אילוסטרירן, למשל, אַזאַ פאַקט: עס איז געווען אַ צייט, ווען די קאָנטראָל=קאָמיסיע פון דער פעלקער=ליגע האָט ניט דורכגעלאָזן אין לידע קיין פּראָדוקטן פון פּוילן אויף דעם אַדרעס פון דער מיטל=ליטווישער רעגירונג. זיינען די אַגענטן פון ווילנער אַפּראָוויזאַציע=דעפּאַרטאַמענט געפאַלן אויף אַ המצאה, און די פּראָדוקטן, וואָס זיי האָבן איינגעקויפט, פלעגן זיי שיקן אויף דעם אַדרעס פון ווילנער מאַגיסטראַט אין דער האָפענונג, אַז דער לעצטער וועט זיי איבערגעבן אין רשות פון דעם אַפּראָוויזאַציע=דעפּאַרטאַמענט. דער מאַגיסטראַט אָבער פלעגט די פּראָדוקטן פונאַנדערטיילן לויט זיין אייגענעם איינזען, ניט אָפּגעבנדיק קיין שום דין=וחשבון דער „רעגירונג".

דער מיטל=ליטווישער רעגירונג האָט זיך אָבער פאָרט געוואָלט שפּילן אַ מער אָדער ווייניקער זעלבשטענדיקע ראָלע און זי האָט זיך געפּרובט מתחתן זיין מיט די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן: מיט די ווייסרוסן און דערהויפּט מיט די יידן (אגב איז דאָס אויך געווען נייטיק צוליב פּאָליטישע טעמים), אָבער פון די דאָזיקע פּרובן, ווי מיר וועלן באַלד זען, איז גאָרנישט אַרויסגעקומען.

---

## .IV

פאַר דער נייער מיטל=ליטווישער רעגירונג, וועלכע האָט זיך פאָרגעשטעלט כלפּי=חוץ אַלס רעגירונג, וואָס רעפּרעזענטירט די גאַנצע אָרטיקע באַפעלקערונג, איז געווען זייער וויכטיק אַריינצוגיין אין קאָנטאַקט מיט אַלע נאַציאָנאַליטעטן פון דעם ווילנער קאַנט. לכתחילה האָט מען געפּרובט אפילו צוציען די ליטווינער אויך: אַזוי, למשל, ווען נאָך געג. זשעליגאָווסקיס אַריינמאַרש קיין ווילנע זיינען פון מאַגיסטראַט אַוועק די ליטווישע פאָרשטייער ה"ה קימאָנט און סטאַנקעוויטש, האָט די מיטל=ליטווישע רעגירונג פאַראָרדנט, אַז דער מאַגיסטראַט, וועלכער איז נאָך צייטווייליק פאַרבליבן כמעט אין דעם זעלבן צוזאַמענשטעל ווי אונטער די ליטווינער, זאָל אַריינגיין אין באַציאונגען מיט דעם ליטווישן קאָמיטעט וועגן באַשטימען פאַרן מאַגיסטראַט צוויי אַנדערע ליטווישע פאָרשטייער. פאַרשטייט זיך, אַז דערפון איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. די ליטווינער האָבן בכלל באָיקאָטירט די נייע רעגירונג, ניט גענומען פון איר קיין געלט אויף ליטווישע שולן וכדומה.

וואָס איז שייך אָבער צו די ווייסרוסן, האָט די נייע רעגירונג געהאָפט, אַז איר וועט זיך איינגעבן זיי אַריבערציען אויף איר צד. די ווייסרוסן מאַכן אין דעם קאַנט אויס אַ גרויסן טייל (אויב ניט אַ מערהייט) צווישן דער דאָרפישער באַפעלקערונג און זייער ראָלע אין פאַל פון אַ פּלעביסציט אָדער סיים=וואַלן וואָלט געקענט זיין אַ גאַנץ גרויסע.

די ווייסרוסן אין די דערפער זיינען לפי=ערך ווייניק באַוואוסטזיניק אין נאַציאָנאַלן זין; מערסטנטייל, זיינען זיי פון קאַטוילישן גלויבן, און דער פּוילישער גלח האָט אויף זיי אַ גרויסע השפּעה. די לעצטע צייט אָבער האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען צווישן דער ווייסרוסישער אינטעליגענץ אַ נאַציאָנאַלע באַוועגונג, און די נייע מיטל=ליטווישע רעגירונג האָט געפּרובט די אינטעליגענץ אַריבערציען צו זיך, שטיצנדיק זיך מסתמא דערויף, וואָס אין וואַרשע האָט דער ווייסרוסישער קאָמיטעט אַ פּוילישע אָריענטאַציע. און באַלד האָבן טאַקע צוויי אָנגעזעענע ווייסרוסישע פּאָליטישע טוער, ה"ה ט אַ ר אַ ש ק ע וו י ט ש און וו. א י וו אַ נ אָ וו ס ק י פאַרנומען וויכטיקע פּאָסטנס אין דער נייער רעגירונג (אינטערעסאַנט איז, אַז די פאַמיליע איוואַנאָווסקי איז צעטיילט אויף פאַרשיידענע פראָנטן: י ע ר ז ש י א י וו אַ נ אָ וו ס ק י, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פאַר אויסלענדישע ענינים, האַלט זיך פאַר אַ פּאָליאַק, זיין ברודער, וואַצלאַוו איוואַנאָווסקי, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ דירעקטאָר פון אַפּראָוויזאַציע=דעפּאַרטאַמענט, דעקלאַרירט זיך [illegible] אַ ווייסרוס; און אַ דריטער ברודער האָט געאַרבעט [illegible] די ליטווינער אין צפון=ליטע). ווי עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, זיינען טאַראַשקעוויטש און וו. איוואַנאָווסקי ניט געווען באַפולמעכטיקט פון דעם אָרטיקן ווייסרוסישן קאָמיטעט און זיינען אַריין אין דער רעגירונג אויף זייער אייגענער אחריות. זיי האָבן געמיינט דערמיט אין אַ געוויסער מאָס ברענגען נוצן די ווייסרוסן: אַזוי, למשל, האָבן אין דעם אַפּראָוויזאַציע=דעפּאַרטאַמענט געאַרבעט אַ סך ווייסרוסישע אָנגעשטעלטע און ה' טאַראַשקעוויטש, וועלכער האָט געהאַט צו שאַפן איבער דער ווייסרוסישער בילדונגס=אָפּטיי=

לונג, האָט זייער אַ סך אויפגעטאָן אויף דעם געביט פון ווייסרוסישער פאָלקסבילדונג.

פונדעסטוועגן האָבן די אָפיציעלע ווייסרוסישע פּאָליטישע טוער ניט געוואָלט פאַרבינדן זיך מיט דער נייער מיטל=ליטווישער רעגירונג, ווייל זיי האָבן גערעכנט, אַז דאָס הייסט אייגנטלעך פאַרבינדן זיך מיט פוילן און פאַר פוילן האָבן זיי מורא געהאַט, אַז זי וועט אָננעמען אַלע מיטלען קעגן זייער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג. אַקעגן=זשע אויף ליטע פאַרלאָזן זיך די ווייסרוסן אין דעם פּרט אַ סך מער, און דערפאַר, זייענדיק פּרינציפּיעל פאַר אַן אומאָפּהענגיקע ווייסרוסלאַנד, שטעלן זיי זיך אויף דעם צד פון ליטע, אויב מען דאַרף אויסקלייבן צווישן ליטע און פוילן. דערהויפּט האָט זיך דאָס בולט אַרויסגעוויזן נאָכדעם, ווי לאַסטאָווסקיס ווייסרוסישע רעגירונג האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דער קאָוונער רעגירונג.

דערפאַר טאַקע האָבן די ווייסרוסן שאַרף פּראָטעסטירט קעגן דער מאָביליזאַציע, וואָס די מיטל=ליטווישע רעגירונג האָט דורכגעפירט און האָבן זיך אַנטזאַגט צו שיקן פאָרשטייער אין די וואַלקאָמיסיעס, וועלכע האָבן געדאַרפט דורכפירן די וואַלן אין דעם גרינדונג=סיים פון מיטל=ליטע.

פאַרשטייט זיך, אַז די שטעלונג פון די ווייסרוסן איז געווען זייער אומאָנגענעם פאַר דער מיטל=ליטווישער רעגירונג, דאָך האָט זי זיך ניט שטאַרק גערעכנט דערמיט, ווייל אין די שטעט האָבן די ווייסרוסן אַ קליינע באַדייטונג און די ווייסרוסישע פּויערים זיינען ניט אָרגאַניזירט און, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, ניט גענוג באַוואוסטזיניק נאַציאָנאַל, זיי זאָלן אַלע גיין נאָך די אָנווייזונגען פון זייער אינטעליגענץ. דאָס זיינען אָפּטמאָל מודה די ווייסרוסן אַליין, און „קריניצאַ", אַ ווייסרוסישע צייטונג, האָט אַזוי געשריבן וועגן דער אומבאַשטימטער פּאָליטישער פּאָזיציע פון די ווייסרוסישע פּויערים: „אויב דער ווייסרוס וועט פאָלגן זיין פּרוי, וועלכע ציט צום „פּוילישן גלויבן", וועט ער זיך אַרויסזאָגן פאַר פוילן; אויב אָבער ער וועט נאָכגיין דעם שכל, וועלכער זאָגט אים, אַז ס'איז שוין צייט צו נעמען די פּריצישע ערד, וועט ער זיך אַרויסזאָגן פאַר ליטע".

אַ סך אַ גרעסערע באַדייטונג פאַר דער מיטל=ליטווישער רעגירונג האָט געהאַט די באַציאונג פון דער יידישער באַפעלקערונג. די יידן זיינען מער באַוואוסטזיניק און מער אָרגאַניזירט, ווי די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן פון קאַנט (אַחוץ די פּאָליאַקן); זיי זיינען אויך פאַרבונדן מיט מערב=אייראָפּע, מיט אַמעריקע. אַחוצדעם באַשטייט די באַפעלקערונג פון דער שטאָט ווילנע, איבער וועלכער עס האָט זיך דאָך אייגנטלעך צעפלאַקערט די גאַנצע שרפה, פון יידן און פּאָליאַקן, כמעט אין גלייכער פּראָפּאָרציע, און אויב די יידן וואָלטן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער נייער רעגירונג, וואָלט זי דעמאָלט טאַקע געקענט זיך רעכענען פאַר אַ רעפּרעזענטאַנץ=אָרגאַן פון מיטל=ליטע. די פּוילישע דעמאָקראַטן האָבן אגב געהאָפּט, אַז די יידן וועלן גיין אינאיינעם מיט זיי קעגן די ענדעקעס, און די השפּעה פון די „קראַיאָווצעס"—פעדעראַליסטן וועט זיך דורכדעם פאַרשטאַרקן.

אין דעם, פאַרשטייט זיך, איז געלעגן די הויפּט=סיבה פון די ישועות, וואָס די נייע מאַכט האָט צוגעזאָגט די יידן. די ווירקלעכקייט האָט אָבער באַלד באַוויזן, אַז די מיטל=ליטווישע רעגירונג האָט אָדער ניט געמיינט ערנסט דורכצופירן אירע הבטחות אין לעבן, אָדער זי האָט קיין כוח ניט געהאַט דאָס צו טאָן.

וועגן די גוואַלד=מעשים, וואָס אַ טייל פון דעם נייעם מיליטער האָבן אָפּגעטאָן אומבאַשטראָפט איבער דער יידישער באַפעלקערונג, האָבן מיר שוין גערעדט אין קאַפּיטל II. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַליין איז געווען גענוג, אַז די ווילנער יידן זאָלן ניט וועלן אַריין אין אַ קאָנטאַקט מיט דער מאַכט, וואָס איר אַריינגיין האָט זיי אָנגעטאָן אַזוי פיל צרות. אַחוצדעם האָט מען זיך זייער גיך איבערצייגט, אַז די אַלע הבטחות וועגן גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן בלייבן בלויז „שיינע ווערטער" און מען קלערט אַפילו ניט צו מאַכן פון זיי דעם געהעריקן פּועל=יוצא.

אַזוי, האָט מען אויף דער ערשטער פייערלעכער זיצונג פון דער רעגירונגס=קאָמיסיע צוגעזאָגט, אַז אַלע איינוואוינער, אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט, וועלן צוגעצויגן ווערן צו דער מלוכה=אַרבעט. אין דער אמתן אָבער האָט מען יידן פאָרגעלייגט עטלעכע ניט וויכטיקע שטעלעס, פון וועלכע די יידן האָבן באַשלאָסן אָננעמען בלויז די שטעלע פון אַ געהילפס=פּאָליצמייסטער, וועלכער האָט אגב זייער ווייניק געקענט אויפטאָן לטובת די יידן; אַזוי האָט ער, למשל, אַפילו דערלאָזן, מען זאָל אַנטזאַגן אַלע יידישע מיליציאַנטן.

אין אָנהייב האָט מען אפילו גערעדט וועגן אַ מיניסטעריום (דעפּאַרטאַמענט) פאַר יידישע ענינים, נאָר וו. אַבראַמאָוויטש, דער פאָרזיצער פון דער רעגירונגס=קאָמיסיע, האָט אין אַ שמועס מיט אַ מיטאַרבעטער פון אַ יידישער צייטונג זיך אַרויסגעזאָגט, אַז אַזאַ מיניסטעריום איז איבעריק, ווייל די רעגירונג שטייט דאָך סיי ווי סיי אויף דעם שטאַנדפּונקט פון פולער גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אַלע נאַציאָנאַליטעטן!

די גלייכבאַרעכטיקונג פון שפּראַכן, וואָס די פאָרשטייער פון דער נייער רעגירונג האָבן פייערלעך פּראָקלאַמירט, איז אויך ניט דורכגעפירט געוואָרן. ווען מען האָט געפרעגט ביי וו. אַבראַמאָוויטש, דעם פאָרזיצער פון דער רעגירונגס=קאָמיסיע, פאַרוואָס דרוקט מען באַפעלן און פאַראָרדענונגען נאָר אויף פּויליש אין דער צייט, וואָס אפילו אין אַפּריל פון יאָר 1919 האָבן די פּאָליאַקן ביי זייער אַריינמאַרש פאַרעפנטלעכט זייערע ערשטע אויפרופן און באַפעלן אויך אויף יידיש, האָט זיך אַבראַמאָוויטש פאַרענטפערט דערמיט, אַז דאָס איז געשען נאָר צוליב טעכנישע סיבות, און באַלד וועט מען אָנהייבן פאַרעפנטלעכן די ווענדונגען פון דער מאַכט אויף אַלע אָרטיקע שפּראַכן. אין דער אמתן אָבער האָט מען נאָר די דעקרעטן וועגן סיים און מאָביליזאַציע (בנוגע וועלכע עס איז געווען אַזוי נייטיק צוצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן), געדרוקט אויף אַלע 4 שפּראַכן (פּויליש, ליטוויש, ווייסרוסיש און יידיש); די איבעריקע פאַראָרדענונגען און אויפרופן פלעגן אַרויסגעגעבן ווערן נאָר אויף פּויליש.

אין אַלע אַנשטאַלטן און אין געריכט פלעגט מען אויך אָננעמען אָפיציעלע פּאַפּירן נאָר אויף פּויליש.

מיט איין וואָרט, פון דער גלייכבאַרעכטיקונג פון שפּראַכן, וועגן וועלכער מען האָט אַזוי פיל גערעדט, איז פאַקטיש גאָרניט אַרויסגעקומען.

עס קען זייער זיין, אַז די צייטווייליקע רעגירונגס=קאָמיסיע האָט פּשוט ניט געהאַט ביכולת דורכצופירן ראַדיקאַלע געזעצן לטובת די יידן. אַזוי, למשל, ווען דער האַנדלס=דעפּאַרטאַמענט האָט אין יאַנואַר 1921 געוואָלט אָרגאַניזירן אין ווילנע אַ האַנדלס=קאַמער, אין וועלכער עס זאָלן זיין פאָרגעשטעלט אין אַ גלייכער צאָל יידן און קריסטן, האָט ער זיך באַלד אַנטזאָגט פון זיין פּראָיעקט, ווי נאָר די ענדעקעס האָבן ערקלערט, אַז אין ווילנע, וואו דער האַנדל ליגט ביי די יידן אין די הענט, דאַרף מען ניט גרינדן קיין האַנדלס=קאַמער.

אינטערעסאַנט איז, אַז „גאַזעטאַ קראַיאָוואַ" האָט איינמאָל געפרעגט אין אַ לייטאַרטיקל: „אויב די רעגירונגס=קאָמיסיע רוקט צוליב די פּויערשע סימפּאַטיעס אַרויס די אַגראַר=רעפאָרם, פאַרוואָס טוט מען גאָרנישט, כדי צוצוציען די יידן, וועלכע זיינען זייער וויכטיק פאַר מיטל=ליטע און וואָס קאָוונער ליטע האָט זיי כמעט באַפרידיקט?"

אָבער די קשיא פון דער ציַיטונג, וועלכע איז געווען דער פּאַקטישער אָפּיציאָז פון דער ערשטער רעגירונגס-קאָמיסיע, איז געבליבן ניט פאַרענטפערט.

אמת טאַקע, אַז אין געוויסע פרטים איז די באַציאונג פון די ווילנער רעגירונגס-קרייזן צו די יידן געווען אַ סך בעסער, ווי אין וואַרשע, סיי בנוגע צו פערזענלעכע באַציאונגען אין אַלעליי דעפּאַרטאַמענטן צו יידן, סיי אין דער פראַגע וועגן זונטאָג-רו (אין ווילנע האָט מען ניט גענייט די יידן פאַרמאַכן די קראָמען זונטאָג), סיי אין דער פראַגע פון סובסידיעס פאַר די יידישע שולן וכדומה. אויך האָבן די דעמאָקראַטישע פוילישע קרייזן אין ווילנע געזוכט מיטלען, ווי צו פאַרשטענדיקן זיך מיט די יידן, געוואָלט גרינדן אַ נאַציאָנאַליטעטן-קלוב וכדומה. מ׳האָט אָבער מצד דער פוילישער געזעלשאַפט ניט געזען קיין ממשותדיקע שריט, וועלכע זאָלן באַווייזן, אַז די יידן קענען האָפן אויף אמתער גלייכבאַרעכטיקונג. בלויז שיינע ווערטער זיינען געווען פאַר די יידן ווייניק, בפרט, ווען מען רעדט זיי פאַר סיים-וואַלן, פלעביסציטן, ווען מען נייטיקט זיך זייער אין יידישע שטימען.

אויף דער שטימונג פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט אויך שלעכט געווירקט די עקאָנאָמישע לאַגע פון קאַנט. אין דער צייט פון די ליטווינער האָט ווילנע שוין אָנגעהויבן אויפצולעבן עקאָנאָמיש, אָבער באַלד נאָך גענ. זשעליגאָווסקיס אַריינמאַרש איז אַנטשטאַנען זייער אַ שווערער עקאָנאָמישער קריזיס. ווילנער קאַנט איז אָפּגעשניטן געוואָרן פון דער גאַנצער וועלט, די פּאָליטישע לאַגע איז געווען זייער ניט קיין זיכערע, און דער האַנדל און אינדוסטריע האָבן זיך כמעט אין גאַנצן אָפּגעשטעלט. דער יקרות איז דערווייל געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, און די באַפעלקערונג וואָלט אפשר אַריינגעפאַלן אין אַזאַ נויט, ווי אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען ניט דאָס געלט פון די אַמעריקאַנער קרובים.

אמת, דער עקאָנאָמישער מצב האָט זיך נאָך דער אייזנבאַן-פאַרבינדונג מיט פוילן אַ ביסל פאַרבעסערט, אָבער די לאַגע פון דער באַפעלקערונג איז געווען פאָרט אַן ערגערע, איידער פאַר די ליטווינער. דערצו זיינען אויך די אויסזיכטן אויף להבא פאַר דעם ווילנער קאַנט געווען אַ סך גינסטיקער ביי אַ פאַראייניקונג מיט קאָוונער ליטע, איידער מיט פוילן. אין דעם ערשטן פאַל וואָלט ווילנע געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אַלס פאַרמיטלונגס-פונקט צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד, אין דעם צווייטן אָבער וואָלט דער גאַנצער האַנדל מיט רוסלאַנד אַריבער אין די הענט פון וואַרשע, און די עקאָנאָמישע ראָלע פון ווילנע וואָלט בלייבן זייער אַ קליינע.

די אַלע טעמים האָבן געבראַכט דערצו, אַז כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון ווילנע איז געווען קעגן דער אַקציע פון גענ. זשעליגאָווסקי, באַזונדערס נאָכדעם, ווי די נייע רעגירונג האָט פּלוצלונג אויסגערופן אַ פּריזיוו פון עטלעכע יאָרגענג. ווי מיר האָבן שוין געשריבן, האָבן די ווייסרוסן שאַרף פּראָטעסטירט קעגן דער מאָבּיליזאַציע; גלייכצייטיק (אין אָנהייב נאָוועמבער) האָבן אויך די יידישע פאָרשטייער צוגעשטעלט דעם גענ. זשעליגאָווסקי אַזאַ מעמאָראַנדום (אויף יידיש און אויף פויליש):*)

„צו זיין עקסעלענץ גענ. זשעליגאָווסקי.

„דער פאַרעפנטלעכטער דורך דער צייטווייליקער רעגירונגס-קאָמיסיע פון מיטל-ליטע דעקרעט וועגן מאָבּיליזאַציע האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע באַאומרואיקונג צווישן פאַרשיידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג פון אונזער געגנט. דער דאָזיקער דעקרעט, וועלכער אַנטהאַלט אַ פאַראָרדענונג וועגן שטעלן זיך צו מיליטער-דינסט מיט אַ דראָאונג פון שטרענגע שטראָפן פאַר ניט מעלדן זיך,

*) דעם יידישן טעקסט גיבן מיר איבער געטרוי, אָן רעדאַקציאָנעלער אויסבעסערונג פון סטיל.



איז געווען פאַר דער באַפעלקערונג גאַנץ אומערוואַרטעט. קיינע פון די 8 רעגירונגען, וועלכע האָבן געפאָלגט איינע נאָך דער אַנדערער אין משך פון די לעצטע זיבן יאָר, האָט אַזאַ פאַראָרדענונג ניט אַרויסגעגעבן. ווען די אַלע רעגירונגען וואָלטן דאָס געטאָן, וואָלטן די איינוואוינער פון אונזער געגנט געווען געצוואונגען כסדר קעמפן: צוזאַמען מיט די דייטשן קעגן דער קאָאַליציע, מיט די ליטווינער קעגן די פּאָליאַקן, מיט די פּאָליאַקן קעגן די באָלשעוויקעס, מיט די לעצטע קעגן די פּאָליאַקן און אַזוי ווייטער און צום סוף מיט די ליטווינער פון קאָוונער רעגירונג קעגן די מיליטער פון אייער עקסעלענץ.

„עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ סיטואַציע וואָלט געווען פאַר דער באַפעלקערונג פון אונזער געגנט אַ גאַנץ אוממעגלעכע און אַן אומנאַטירלעכע, און דעריבער האָט קיין איינע פון די ביזאיצטיקע רעגירונגען ניט געפונען פאַר ריכטיק ביי אַזעלכע באַדינגונגען צו אָנווענדן אַ צוואַנג-פּריזיוו, הגם זי האָט פאַקטיש געהאַט די מאַכט.

„אויסערדעם איז דער באַפעל וועגן מאָבּיליזאַציע אין אונזער געגנט אויך ניט יושרדיק פון דעם שטאַנדפונקט פון די גרונד-פּרינציפּן פון דער מיטל-ליטווישער רעגירונג, וואָס זיינען באַקאַנט געמאַכט געוואָרן בעתן אָננעמען די מאַכט איבער אונזער קאַנט.

„די מיליטער פון אייער עקסעלענץ האָבן פאַרנומען אונזער געגנט אונטערן לאָזונג פון זעלבסטבאַשטימונג. אָנווייזנדיק אויף די צוהעפטונג פון אונזער געגנט צו דער קאָוונער ליטע אויפן סמך פון איר פרידנס-אָפּמאַך מיט סאָוועטן-רוסלאַנד אָן דעם הסכם פון דער באַפעלקערונג גופא, האָט אייער עקסעלענץ פייערלעך באַוויליגט די באַפעלקערונג מיט דאָס רעכט פריי אַרויסצוזאָגן זיך וועגן דעם ענין, צי דער געגנט אונזערער זאָל ווערן פאַרקערפּערט מיט איינער פון די עקסיסטירנדיקע מלוכות אָדער ער זאָל אויך שאַפן אַ זעלבשטענדיקע מלוכה-איינהייט, און ערשט דאַמאָלסט ווען ס׳וועט אויפגעקלערט ווערן דער ווילן פון דער באַפעלקערונג, וועט קלאָר זיין צו וועמען ס׳געהערט בלתי ספק די מלוכה-מאַכט און וועמען געהערט דאָס רעכט צו רופן די באַפעלקערונג מקיים צו זיין די העכסט ערנפולע, אָבער אויך העכסט שווערע פליכט.

„דאָס ניט קענען פאַרשווייגן וועגן דעם כאַראַקטער פון דעם ברידער-קריג, וועלכער ווערט געפירט צווישן מיטל-ליטע און קאָוונער ליטע און אויך די טיפע איבערצייגונג, אַז דער גורל פון דעם געגנט וועט ניט געלייזט ווערן דורך געווער, צווינגען די יידישע באַפעלקערונג פון ווילנע צו בעטן אייער עקסעלענץ אָנווענדן די הויפּט-אויפמערקזאַמקייט אויף פרידנס-מיטלען ביי רעגולירן די שטרייט-ענינים.

„דעריבער האָט די יידישע קהילה דעם כבוד צו בעטן אייער עקסעלענץ צו באַוויליגן אָפּצולייגן דעם צוואַנג-פּריזיוו אין מיליטער ביז דעם מאָמענט, ווען ס׳וועט אַנטשידן ווערן דער גורל פון אונזער קאַנט".

דעם מעמאָראַנדום האָבן אונטערגעשריבן — די פאָרזיצער: פון דער יידישער קהילה — ד"ר י. וויגאָדסקי, פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — ד"ר י. רעגענסבורג, פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי — ד"ר צ. שאַבאַד, פון סוחרים-פאַראיין — ה׳ אָלקעניצקי, פון האַנטווערקער-פאַראיין — א. קרוק, פון „אחדות" — הרב רובינשטיין, פון צעירי-ציון — ה׳ אַנטאָוויל.

דער מעמאָראַנדום האָט קאָנטיק געמאַכט אַ קנאַפּן רושם אויף דער מיטל-ליטווישער רעגירונג; די מאָבּיליזאַציע איז געפירט געוואָרן ווייטער און די יידישע יונגעלייט האָבן זיך געמאָלדן צום פּריזיוו אין אַ גרויסער צאָל אויס מורא פאַר שטרענגע שטראָפן.

אינטערעסאַנט איז, אַז אין די דעפּאַרטאַמענטן האָט מען זיך דערנאָך באַרימט מיט דער טאָלעראַנץ פון דער רעגירונג,

וועלכע האָט קיינעם ניט באַשטראָפט פאַר דעם מעמאָראַנדום קעגן דער מאָביליזאַציע.

דערפאַר האָט אָבער זייער אַ גרויסן איינדרוק געמאַכט אַ צווייטער, זייער קורצער בריוו פון די יידישע פאָרשטייער בנוגע צו די סיים־וואַלן.

דער פאָרזיצער פון דער הויפט־וואַל־קאָמיסיע, גר. גראַבאָווסקי, האָט געבעטן ד״ר וויגאָדסקין, אַלס פאָרזיצער פון דער יידישער קהילה, צוצושיקן יידישע פאָרשטייער אין די וואַל־קאָמיסיעס (צוויי אין דער הויפט־קאָמיסיע און איבער 30 אין די ראַיאָניקע קאָמיסיעס).

אויף דער דאָזיקער ווענדונג האָט די ווילנער קהילה דעם 21 דעצעמבער געענטפערט אַזוי:

„צו דעם פאָרזיצער פון דער באַצירקס־וואַל־קאָמיסיע פון דער שטאָט ווילנע, ה׳ גראַבאָווסקי.

„ענטפערנדיק אויף אייער געערטן בריוו פון 17 דעצעמבער האָט די יידישע קהילה דעם כבוד אייך מיטצוטיילן פאָלגנדעס: אַזוי ווי די יסודות און די תנאים, ביי וועלכע די דערווייליקע קאָמיסיע האָט בדעה צו מאַכן די וואַלן אין סיים, ערלויבן ניט, נאָך אונזער מיינונג, דאָס דער סיים זאָל אָפשפיגלען דעם אמתן ווילן פון דער באַפעלקערונג פון אונזער קאַנט, איז די ווילנער יידישע קהילה גענייטיקט צו דערקלערן, אַז די ווילנער יידישע באַפעלקערונג וועט זיך ניט באַטייליקן אין די דאָזיקע וואַלן״.

אויף דעם דאָזיקן בריוו האָבן אונטערגעשריבן די זעלביקע פאָרשטייער, וואָס האָבן געחתמעט דעם מעמאָראַנדום קעגן דער מאָביליזאַציע.

דער אָפזאָג פון די יידן צו נעמען אַן אָנטייל אין די וואַלן האָט זייער אויפגערעגט די פוילישע פאַרטייען. „זשעטשפּאָספּאָליטאַ״ האָט געזאָגט, אַז דאָס איז „אַ פיינדלעכער אַקט קעגן פוילן״, „אַז דערמיט ערקלערן די יידן אַ מלחמה די פאָליאַקן״. די לינקע פוילישע פאַרטייען, באַזונדערס די דעמאָקראַטן, וועלכע האָבן געלייגט אַלע זייערע האָפענונגען אויף דעם גרינדונג־סיים, זיינען געווען זייער אַנטטוישט, ווייל זיי האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז דער באַשלוס פון די יידן שטעלט דעם גאַנצן סיים אונטער אַ פראַגעצייכן. זיי האָבן זיך געפּרובט טרייסטן דערמיט, וואָס די יידישע אַרבעטער־פאַרטייען האָבן זיך ניט אונטערגעשריבן אונטער דעם אויבנדערמאָנטן בריוו. אָבער דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער „בונד״ האָט אויך באַשלאָסן ניט צו גיין אין סיים, און די לינקערע יידישע אַרבעטער־גרופּירונגען האָבן אפילו יאָ געוואָלט גיין אין סיים, אָבער, פאַרשטייט זיך, נאָר צוליב דעם, זיי זאָלן קענען דעם סיים אויסנוצן אַלס אַ טריבונע.

דער באַשלוס פון די יידן וועגן סיים האָט געהאַט בכלל אַ גרויסע פּאָליטישע באַדייטונג, נאָר וועגן דעם וועלן מיר גענויער ריידן שפּעטער.

---

.V

פאַר די לעצטע יאָרן האָט ווילנע איבערגעלעבט אַ סך איבערקערענישן, אָבער אַזאַ פּאָליטישער פּלאָנטער, ווי עס האָט זיך געשאַפן דורך גענ. זשעליגאָווסקיס אַקציע, איז נאָך אין ווילנע ניט געווען. נאָך דעם 10־טן אָקטאָבער פלעגט כמעט ניט אַריבערגיין קיין איין וואָך, וועלכע זאָל ניט ברענגען קיין אַנדערע נייס. פוילן, ליטע, סיים, פּלעביסציט, פעדעראַציע, קאַנטאָנען וכדומה פלעגן אַלע טאָג פאַרפילן די פּאָליטישע כראָניק פון דער פּרעסע. די צייטונגען פלעגן האַלטן אין איין מעלדן: די לאַגע וועט באַלד קלאָר ווערן, די לאַגע אָבער פלעגט זיך אַלץ מער פאַרפּלאָנטערן.

דערצו האָבן גורם געווען צוויי סיבות.

ערשטנס, איז אין דעם ענין געווען פאַרמישט די פעלקער־ליגע. וואָלט דער סיכסוך געווען זיין נאָר צווישן פוילן און ליטע,



וואָלט ווילנע, פאַרשטייט זיך, באַלד פשוט פאַראייניקט ווערן מיט פוילן. דאָס אָבער, וואָס פוילן האָט זיך אַליין געווענדט אין סעפּטעמבער, ווען די באָלשעוויקעס זיינען געווען ניט ווייט פון ווילנער קאַנט, צו דער פעלקער־ליגע, זי זאָל זיך אַריינלייגן אין איר סיכסוך מיט ליטע וועגן ווילנע, האָט שוין געמאַכט די לאַגע אַ סך קאָמפּליצירטער. דאָס איז געווען כמעט דער ערשטער קאָנפליקט, וואָס די פעלקער־ליגע האָט געדאַרפט אויסגלייכן, און זי האָט דערפאַר בשום אופן ניט געוואָלט דערלאָזן, מען זאָל זיך מיט איר ניט רעכענען. צווייטנס, זיינען די גרעניצן צווישן פוילן, ליטע און רוסלאַנד געווען דער לעצטער ווינקל, וואו ס׳האָט נאָך געדויערט די מלחמה, און פאַר דער אַנטאַנטע איז געווען נייטיק צו מאַכן דערצו אַ סוף. אָבער וואָס מער די מערב־אייראָפּעאישע דיפּלאָמאַטן האָבן זיך פאַרנומען מיט דעם ענין ווילנע, האָבן זיי אים אַלץ מער פאַרפּלאָנטערט.

די דיפּלאָמאַטן פון די מערב־אייראָפּעאישע מלוכות פלעגן אָפט סותר זיין איינער דעם אַנדערנס אַרבעט. אַזוי, למשל, האָבן די ענגלישע פאָרשטייער געהאַלטן מער דעם צד פון ליטע, מיט וועלכער ענגלאַנד איז געשטאַנען אין געוויסע עקאָנאָמישע באַציאונגען, און די פראַנצויזישע פאָרשטייער האָבן, פאַרקערט, כמעט שטענדיק אונטערשטיצט פוילן. אַחוצדעם איז נאָך דאָ געווען אַ דריטער צד, דאָס „קומענדיקע רוסלאַנד״. די פאָרשטייער פון דער פעלקער־ליגע האָבן צייטנווייז געצווייפלט אין די רעכט פוןביידע צדדים (פוילן און ליטע) אויף ווילנער קאַנט, ווייל זיי האָבן גערעכנט, אַז ער דאַרף גאָר געהערן צו רוסלאַנד.

דער פאָרזיצער פון דער קאָנטראָל־קאָמיסיע פון דער פעלקער־ליגע, פּאָלקאָווניק שאַרדיני, פלעגט אָפן אַרויסווייזן זיין „רוסישע אָריענטאַציע״ און דערפאַר טאַקע פלעגט מען אים אין די ווילנער פוילישע קרייזן רופן ניט שאַרדיני, נאָר „שאַרדינאָוו״. באַזונדערס שטאַרק איז די „רוסישע אָריענטאַציע״ געווען אין דער צייט פון ווראַנגעלס ממשלה אין קרים, און אַפילו נאָך זיין פולשטענדיקער מפּלה האָט זיך נאָך די פעלקער־ליגע ניט אינגאַנצן אַנטזאַגט פון אירע „רוסישע״ סימפּאַטיעס.

אַזוי האָט די פעלקער־ליגע דעם 20־טן דעצעמבער 1920 אַרויסגעשיקט אַ נאָטע פאַדערעווסקין, דעם פוילישן פאָרשטייער, אַז די רעכט פון רוסלאַנד מוזן ווערן רעזערווירט און גענומען אין אַכט אין אַלע באַשלוסן פון דער ליגע, וואָס זיינען נוגע דער פויליש־ליטווישער פראַגע. ערשט נאָכדעם ווי אין מערב־אייראָפּע זיינען שוין אינגאַנצן צערונען די האָפענונגען אויף נייע איבערקערענישן אין רוסלאַנד, און ענגלאַנד האָט מיט דער סאָוועטישער רעגירונג געשלאָסן אַ האַנדלס־אָפּמאַך, האָט מען אויפגעהערט צו זאָרגן זיך וועגן רוסלאַנדס אינטערעסן אין דעם פויליש־ליטווישן סיכסוך.

דאָס אַלץ האָט געבראַכט דערצו, אַז די פעלקער־ליגע האָט ניט אָנגענומען קיין אַנטשיידענע שריט צו ערליידיקן שנעל דעם ענין ווילנע.

פונדעסטוועגן האָט פוילן אויך ניט געהאַט גענוג פרייהענט, זי זאָל קענען אינגאַנצן איגנאָרירן די פעלקער־ליגע און, לויט דעם רעצעפּט פון די ענדעקעס, אָן טענות און מענות פאַראייניקן דעם ווילנער קאַנט מיט פוילן. אַחוץ ווילנע האָט נאָך פוילן געהאַט אַ סך גרעסערע דאגות מיט דאַנציק און אייבערשלעזיע, וואו זי האָט געמוזט אָנקומען צו דער פעלקער־ליגע און צו דער אַנטאַנטע. דעריבער האָט פוילן פון צייט צו צייט, ווען די פעלקער־ליגע פלעגט זי צו שטאַרק צודריקן צו דער וואַנט, געדאַרפט האָבן די מעגלעכקייט צו פאַרענטפערן זיך מיט דעם רצון פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, וואָס „זי וויל ניט און קען ניט פאַרגוואַלטיקן״.

דערפאַר האָט אויך פוילן ניט געאַרט, וואָס די ערשטע צייטווייליקע רעגירונגס־קאָמיסיע פון מיטל־ליטע האָט געשטרעבט

צו זיין מער אָדער ווייניקער זעלבשטענדיק. אמת, די „זעלבשטענדיקייט", ווי מיר האָבן שוין געזען פריער, איז ניט געווען קיין אימפּאָנירנדיקע. אַלע וויכטיקערע אונטערנעמונגען פון מיטל=ליטע זיינען געלעגן אין די הענט פון פּוילן. שוין אין אָנהייב נאָוועמבער זיינען דורך אַ קאָנווענץ די מיטל=ליטווישע אייזנבאַנען אַריבער צו אַ פּוילישער געזעלשאַפט, שפּעטער האָט מיטל=ליטע געשלאָסן מיט פּוילן אויך אַ פּאָסט=און טעלעגראַף=קאָנווענץ, מען האָט איינגעשטעלט אַ פרייען אַריינפיר און אַרויספיר פון סחורות און פּראָדוקטן קיין פּוילן, מיטל=ליטע האָט אָנגעהויבן באַקומען כּראָדוקטן פון וואַרשע לויט דעם אַלגעמיינעם פּוילישן אַפּראָוויזאַציע=פּלאַן וכדומה. אויך בנוגע צו וויכטיקע געזעצן האָט, ווי שוין דערמאָנט, מיטל=ליטע גאָרנישט געקענט אויפטאָן. אין איין פּרט אָבער האָט מיטל=ליטע אַרויסגעוויזן אַ געוויסע „זעלבשטענדיקייט", און דווקאָ אין אַ ענין, וואָס האָט געקענט האָבן אַ גרויסע דעקאָראַטיווע באַדייטונג כּלפּי=חוץ — אין דעם ענין פון אַ מיטל=ליטווישן גרינדונג=סיים.

כּידוע, האָט גען. זשעליגאָווסקי נאָך אין דעם ערשטן דעקרעט זיינעם גערעדט וועגן צונויפרופן אַ גרינדונג=סיים, וועלכער זאָל זיין דער איינציקער בעל=דעה פון מיטל=ליטע. אָבער גלייך נאָך דעם, ווי די פעלקער=ליגע האָט זיך אַריינגעמישט אין דעם ענין ווילנע, האָט מען אָנגעהויבן אַ סך מער ריידן וועגן אַ פּלעביסציט, איידער וועגן אַ סיים.

שוין אין אָקטאָבער האָט די פעלקער=ליגע אין בריסעל באַשלאָסן צו ווענדן זיך צו ביידע צדדים (פּוילן און ליטע) מיט אַ פאָרשלאָג צו ערליידיקן זייער סיכסוך דורך אַ פּלעביסציט אונטער דער קאָנטראָלע פון דער פעלקער=ליגע. לויט די ערשטע ידיעות, האָט מען געקענט מיינען, אַז ביידע צדדים וועלן איינגיין אויף אַ פּלעביסציט. אָבער וואָס מער מען האָט גערעדט וועגן די פּרטים פון פּלעביסציט, האָט זיך אַלץ מער אַרויסגעוויזן, אַז די צדדים וועלן זיך ניט צונויפריידן. ערשטנס, זיינען געווען גרויסע חילוקי=דעות איבער דער טעריטאָריע, וואו דער פּלעביסציט האָט געזאָלט פאָרקומען. די קאָוונער רעגירונג האָט געוואָלט, אַז דער פּלעביסציט זאָל פאָרקומען ניט נאָר אין מיטל=ליטע, נאָר אויך אין די איבעריקע ערטער פון דער פּוילישער אָקופּאַציע, אויף וועלכע ליטע האָט פּרעטענדירט (גראָדנע, סייני, אַווגוסטאָווו און אַנדערע). ווילנע אָבער, אַלס די הויפּטשטאָט פון ליטע, האָט געדאַרפט, לויט דער מיינונג פון די ליטווינער, אויסגעשלאָסן ווערן פון פּלעביסציט=טעריטאָריע. פּוילן, פאַרקערט, איז באַשטאַנען אויף אַ פּלעביסציט נאָר אין מיטל=ליטע. אַ סך שווערער איז נאָך געווען קומען צו אַן אויסגלייך אין דער פראַגע וועגן די באַדינגונגען, ביי וועלכע דער פּלעביסציט דאַרף פאָרקומען. די קאָוונער רעגירונג האָט, פאַרשטייט זיך, געוואָלט, אַז זשעליגאָווסקיס מיליטער זאָלן אינגאַנצן עוואַקואירן דעם ווילנער קאַנט און אַז די פּאָליאַקן זאָלן ניט האָבן בכלל קיין שום אויבערגעוויכט, סיי אין דער מיליטערישער, סיי אין דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט פון קאַנט פאַר דער גאַנצער צייט פון דעם פּלעביסציט. אַחוצדעם האָבן די ליטווינער אויך געוואָלט, אַז דער צוגרייטונגס=פּעריאָד פאַרן פּלעביסציט זאָל דויערן אַ לענגערע צייט (אַ חדשים 6). די פּאָליאַקן, אָבער, האָבן בשום=אופן ניט געוואָלט מסכּים זיין אויף דער עוואַקואַציע פון זשעליגאָווסקיס אַרמיי, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן אומענדלעכע אונטערהאַנדלונגען צווישן דער פעלקער=ליגע פון איין זייט און פּוילן און ליטע פון דער אַנדער זייט. די קאָמיסיע פון דער פעלקער=ליגע איז אַרומגעפאָרן פון וואַרשע קיין ווילנע, קאָוונע און צוריק, די פעלקער=ליגע פלעגט פאָרלייגן אַלערליי פּראָיעקטן, נאָר אויספירן, אַז גען. זשעליגאָווסקי זאָל טאַקע אַוועקגיין פון ווילנע, האָט זי ניט געקענט. די קאָנטראָל=קאָמיסיע האָט נאָר געפּועלט איין וויכטיקע זאַך, דהיינו: אַז צווישן מיטל=ליטע און קאָוונער רעגירונג זאָל ערקלערט ווערן (אין סוף נאָוועמבער) אַ וואָפנשטילשטאַנד. אינטערעסאַנט איז, אַז אָפיציעל איז דער וואָפנשטילשטאַנד געשלאָסן געוואָרן צווישן דער קאָוונער רעגירונג און פּוילן. די ליטווינער האָבן זיך געשטעלט אַפילו קעגן דעם, אַז אין דעם פּראָטאָקאָל וועגן וואָפנשטילשטאַנד זאָל דערמאָנט ווערן זשעליגאָווסקיס נאָמען, נאָר גר. קאָסאַקאָווסקי, דער פּוילישער פאָרשטייער, האָט זיי אין דעם ניט נאָכגעגעבן.

וואָס איז שייך צו גען. זשעליגאָווסקיס מיליטער האָט מען פאָרגעלייגט אַלערליי פּראָיעקטן: עס זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אָרטיקער מיליציע, עס זאָל אין דער צייט פון פּלעביסציט אַריבערגיין פון איין טייל מיטל=ליטע אין דעם אַנדערן וכדומה.

פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע פּראָיעקטן האָבן ניט געקענט צופרידנשטעלן די ליטווינער, און זיי האָבן זיך אויף די זיצונגען פון דער פעלקער=ליגע, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין זשענעווע סוף נאָוועמבער און אָנהייב דעצעמבער פון 1920, אינגאַנצן אָנטזאַגט פון דעם פּלעביסציט, אגב אויך צוליב דעם, וואָס די פעלקער=ליגע האָט ניט אָנערקענט ליטע דע=יורע. דאָס אַליין האָט, לויט דער מיינונג פון די ליטווינער, געשטעלט די קאָוונער רעגירונג ניט אין גלייכע באַדינגונגען ווי פּוילן, ווייל בשעת דעם פּלעביסציט וועט אפשר אַ טייל פון דער באַפעלקערונג נאָר דערפאַר ניט שטימען פאַר ליטע, ווייל זי איז נאָך ניט אָנערקענט דורך דער פעלקער=ליגע און איר גורל איז דעריבער נאָך ניט באַשטימט.

אַחוץ די אַלע טענות, האָט וואַלדעמאַראַס, דער ליטווישער פאָרשטייער, דעם 6=טן דעצעמבער ערקלערט אין זשענעווע פאַר דעם ראַט פון דער פעלקער=ליגע, אַז רוסלאַנד איז פאַראינטערעסירט אין דער ווילנער פראַגע און אַז טשיטשערין דראָט מיט אַן אינטערווענץ. דער ראַט פון דער פעלקער=ליגע האָט פונדעסטוועגן באַשלאָסן זיך צו האַלטן ביי די פריערדיקע באַשלוסן, דאָס הייסט, דורכפירן אַ פּלעביסציט אויף דער שטרייט=טעריטאָריע און אויף דער צייט פון פּלעביסציט אַרויסשיקן אין ווילנער געביט אַן אינטערנאַציאָנאַלן קאָרפּוס פון 1800 מאַן.

פאַרשטייט זיך, אַז פּוילן איז געווען זייער ניט צופרידן מיט דעם באַשלוס פון דער פעלקער=ליגע וועגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָרפּוס און בכלל דערפון, וואָס מען רוקט אַלץ אַרויס די פראַגע וועגן עוואַקואירן זשעליגאָווסקיס מיליטער און וועגן אָרגאַניזירן אַן אַנדער אַדמיניסטראַטיווע מאַכט אין דעם פּלעביסציט=געביט. אין די רעגירונגס=קרייזן פון מיטל=ליטע האָט אָנגעהויבן ווייטער שטייפער ווערן דער בטחון, אַז אין מיטל=ליטע וועט דער פּלעביסציט קענען פאַרביטן ווערן דורך אַ סיים. פאַר צונויפרופן דעם סיים האָבן זיך אייגנטלעך אַרויסגעזאָגט אַלע פּוילישע פאַרטייען, הגם צווישן זיי זיינען געווען גרויסע חילוקי=דעות בנוגע צו דער קאָמפּעטענץ פון סיים.*) אין דער צייט וואָס די רעכטע פאַרטייען (די ענדעקעס) זיינען געווען דערפאַר, אַז דער

*) פון די פּוילישע פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן אין ווילנער בעגנט נעשפּילט מער אָדער ווייניקער אַ באַדייטנדע ראָלע די ענדעקעס (נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטן), פּ. פּ. ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי), „אָדראָדזענצעס" און „קראַיאָווצעס". די ערשטע צוויי פּאַרטייען זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיט די געהעריקע וואַרשעווער פּאַרטייען און נאָר די לעצטע צוויי זיינען געווען אָרטיקע.

צום שטאַרקסטן אין ווילנע גופא זיינען געווען די ענדעקעס, וועלכע זיינען, ווי באַוואוסט, אַן אויסגעשפּראָכענע רעכטע אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי. בנוגע צו דעם גורל פון ווילנער קאַנט זיינען זיי, ווי מיר האָבן שוין אין אַן אַנדער אָרט אָנגעוויזן, געשטאַנען פאַר אַ פולשטענדיקער אינקאָרפּאָרירונג דירעקט מיט פּוילן. די ענדעקעס האָבן אויך געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף אַ טייל פּוילישע אַרבעטער דורך די קריסטלעכע אַרבעטער=פאַראיינען. זיי האָבן געהאַט אַ טעגלעכע צייטונג, די ווילנער אויסגאַבע פון „זשעטשפּאָספּאָליטאַ".

סיים זאָל זיין אַ ריין פּלעביסציטאַרער, דאָס הייסט, ער זאָל נאָר ענטפערן אויף דער פראַגע, צו וועמען דאַרף דער ווילנער קאַנט געהערן—צו פּוילן צי צו ליטע, זיינען די לינקע באַשטאַנען דערויף, אַז דער סיים דאַרף זיין אַ גרינדונגס־סיים און דער קרייז פראַגן, מיט וועלכע ער זאָל זיך פאַרנעמען, קען ניט באַגרעניצט ווערן. די שוועריקייטן בנוגע דער קאָמפּעטענץ פון סיים האָט מען געהאָפט צו באַזייטיקן דערמיט, וואָס מען וועט די דאָזיקע קאָמפּעטענץ בכלל ניט פעסטשטעלן, אָבער דעם סיים האָט מען באַשלאָסן יעדנפאַלס צונויפצורופן, כדי ער זאָל מאַניפעסטירן פאַר דער גאַנצער וועלט די „זעלבשטענדיקייט" פון מיטל־ליטע, און די לינקע דעמאָקראַטן, וועלכע האָבן ניט אויפגעהערט צו טרוימען וועגן דער גרויסער ראָלע, וואָס ווילנע מיט איר פּוילישער באַפעלקערונג וועט שפּילן אין דער גרויסער ליטע, האָבן גערעכנט, אַז דער סיים וועט זיך אפשר טאַקע קענען אַוועקשטעלן קעגן דער גאַנצער וועלט: קעגן קאָוונע, וואַרשע און דער פעלקער־ליגע. די רעכטע האָבן פון זייער זייט געגלויבט, אַז דער סיים וועט פאַרבייטן דעם פּלעביסציט מיט זיינע שווערע באַדינגונגען.

פלוצלונג אָבער האָט דער סיים באַקומען אַ טויט־קלאַפּ פון דער זייט, פון וועלכער מען האָט זיך צום ווייניקסטן געריכט. דער אָפּזאָג פון דער ניט־פּוילישער באַפעלקערונג, דערהויפּט פון די יידן, צו נעמען אַן אָנטייל אין די סיים־וואַלן, האָט צעשטערט אַלע פּלענער, סיי פון די רעכטע פּוילישע פּאַרטייען, סיי פון די לינקע. די רעכטע האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער סיים וועט שוין איצט בשום אופן ניט קענען פאַרבייטן אַ פּלעביסציט, ווייל אַ פּלעביסציט, אין וועלכן עס וועט זיך באַטייליקן בלויז איין נאַציאָנאַליטעט (די פּוילישע) וועט דאָך, פאַרשטייט זיך, קיין שום ממשות ניט האָבן. פאַר די לינקע פּוילישע פּאַרטייען איז דאָס בכלל געווען אַ גרויסע פּאָליטישע מפּלה, ווייל אויף דער אָרטיקער פּוילישער באַפעלקערונג האָבן זיי, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אין אַן אַנדער אָרט, געהאַט אַ קליינע השפּעה און דורך דעם באַשלוס פון די ניט־פּוילישע נאַציאָנאַליטעטן בנוגע צום סיים איז קלאָר געוואָרן, אַז אויך די ניט־פּוילישע באַפעלקערונג האָט צו זיי קיין צוטרוי ניט.

די לאַגע פון דער צייטווייליקער רעגירונגס־קאָמיסיע האָט זיך שוין לאַנג געוואַקלט. די ענדעקעס, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס זייערע פאָרשטייער זיינען אויך געווען אין דער ערשטער קאָמיסיע (מ. ע נ ג ע ל און ט. ש אָ פּ אַ און שפּעטער י אַ נ ק אָ ווס ק י, דער דירעקטאָר פון פינאַנס־דעפּאַרטאַמענט), האָבן כמעט פון אָנהייב אָן געפירט אַ קאָמפּאַניע קעגן דער פּאָליטיק פון דער קאָמיסיע. זייער אָפּאָזיציע האָט זיך אָבער באַזונדערס פאַרשטאַרקט נאָכדעם, ווי אין וואַרשעווער סיים האָט מען אַלץ מער אָנגעהויבן אַרויסווייזן אומצופרידנקייט פון דער ערשטער צייטווייליקער רעגירונגס־קאָמיסיע, דערפאַר, וואָס זי האָט טאַקע אויף אַן אמת חשק צו שפּילן אַ ראָלע פון אַ „זעלבשטענדיקער" רעגירונג און וויל צונויפרופן אַ קאָנסטיטואַנטע אָנשטאָט אַ פּלעביסציטאַרן סיים. די וואַרשעווער סיים־קאָמיסיע האָט אַפילו שוין אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וואָס גיכער איינצופירן אין ווילנער קאַנט אַ פּוילישע מיליטערישע און ציווילע אַדמיניסטראַציע. איבער פּאָליטישע טעמים אָבער האָט מען דעם באַשלוס ניט געקענט דורכפירן אין פולער מאָס, נאָר אין סוף דעצעמבער איז אָנגעקומען קיין ווילנע דער דעלעגאַט פון דער פּוילישער רעגירונג, וו. ר אַ ט ש ק ע וו י ט ש, מיט אַ גאַנצן שטאַט אָנגעשטעלטע, וועלכער איז ביסלעכווייז געוואָרן דער פאַקטישער בעל־הבית פון קאַנט (דורך זיינע הענט פלעגן דורכגיין אַלע פינאַנס־מיטלען פאַר מיטל־ליטע, ער האָט געהאַט די קאָנטראָלע אויף אַלע דעפּאַרטאַמענטן וכדומה).

די רייבונגען אין דער רעגירונגס־קאָמיסיע זיינען געוואָרן אַלץ שאַרפער, איבערהויפּט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פראַגע וועגן דער קאָמפּעטענץ פון סיים, און סוף־כל־סוף האָבן זיך די דירעקטאָרן פון די ענדעקעס אָנגעגעבן אין דעמיסיע און שפּעטער אַ ביסל, אַרום דעם 15 יאַנואַר פון 1921, האָט דעמיסיאָנירט די גאַנצע רעגירונגס־קאָמיסיע.

די דעמיסיע פון דער ערשטער רעגירונגס־קאָמיסיע האָט זיך שטאַרק אָפּגערופן אויף דער דעקאָראַטיווער „זעלבשטענדיקייט" פון מיטל־ליטע. דער „אָנהייב פון סוף" איז אייגנטלעך געווען פאַרבונדן מיט דעם וואָפנשטילשטאַנד, וואָס די ליטווינער האָבן געשלאָסן, ווי מיר האָבן שוין געשריבן, מיט פּוילן און ניט מיט מיטל־ליטע. שוין דעמאָלט האָט „גאַזעטאַ קראַיאָוואַ" געשריבן: „דער ערשטער אַקט פון דעם ווילנער טראַגישן פאַרס האָט זיך פאַרענדיקט". די באַשטימונג פון דער נייער רעגירונגס־קאָמיסיע איז געווען אַ המשך פון דעם זעלבן פּראָצעס. דער אויסלענדישער דעפּאַרטאַמענט איז שוין אינגאַנצן אָפּגעשאַפט געוואָרן און אָנשטאָט דעם דעפּאַרטאַמענט פאַר מלוכה־שוץ איז געגרינדעט געוואָרן אַ מיליטערישע קרייז־קאָמאַנדע. פון דער קאָמפּעטענץ פון דער נייער קאָמיסיע זיינען אינגאַנצן אויסגעשלאָסן געוואָרן פּאָליטישע פראַגן. אין אַ שמועס מיט אַ מיטאַרבעטער פון „גאַזעטאַ ווילענסקאַ" האָט דער פּוילישער דעלעגאַט, וו. ראַטשקעוויטש, אָפן געזאָגט, אַז מיט פּאָליטישע פראַגן פון מיטל־ליטע פאַרנעמט זיך איצט די פּוילישע רעגירונג.*)

---

זייער נאָענט צו די ענדעקעס איז געשטאַנען די אָרגאַניזאַציע „סטראַזש קרעסאָווא", וועלכע האָט אַרויסגעגעבן די צייטונג „גאַזעטאַ ווילענסקאַ".

די „אָדראָדזענצעס" האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע צווישן דער דאָרפישער באַפעלקערונג. זיי האָבן אייגנטלעך ניט געפירט קיין איינהייטלעכע פּאָליטיק. אין דאָרף פלעגן זיי איבערהויפּט אונטערשטרייכן, אַז זיי שטייען פאַר אַ ברייטער אַגראַר־רעפאָרם און פאַר פאַראייניקן דעם קאַנט מיט פּוילן. אין שטאָט אָבער פלעגן זיי זאָגן, אַז זיי זיינען פעדעראַליסטן און וועגן זייער אַגראַר־פּראָגראַם פלעגן זיי ניט דערמאָנען.

ריינע פעדעראַליסטן זיינען געווען די פּ. פּ. ס., וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז עס דאַרף זיך אָרגאַניזירן אַ גרויסע ליטע (ניט קיין עטנאָגראַפישע, נאָר אַ געאָגראַפישע), אַ מלוכה פון גלייכבאַרעכטיקטע נאַציאָנאַליטעטן, וואו דער פּוילישער עלעמענט זאָל שפּילן אַ גרויסע ראָלע. די פּ. פּ. ס. אָבער פלעגן מסכים זיין אויף דער קאָנצעפּציע פון אַ גרויסער ליטע נאָר אויף דעם תנאי, אַז די נייע מלוכה זאָל זיך אומבאַדינגט פעדערירן מיט פּוילן, און אויב ניט, זיינען די פּ. פּ. ס געווען אויך דערפאַר, אַז דעם ווילנער קאַנט דאַרף מען פאַראייניקן מיט פּוילן. צו די פּ. פּ. ס. געהערן אַ טייל פּוילישע אַרבעטער פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען.

די „קראַיאָווצעס" זיינען אויך געווען פאַר אַ פעדעראַציע מיט פּוילן, נאָר זיי האָבן געהאַלטן, אַז אַ גרויסע ליטע מוז סיי ווי סיי אָרגאַניזירט ווערן, אַפילו ווען די קאָוונער רעגירונג זאָל זיך אָנטזאָגן צו שליסן אַ פעדעראַציע מיט פּוילן. די „קראַיאָווצעס" האָבן אַרויסגעגעבן אַ טעגלעכע צייטונג „גאַזעטאַ קראַיאָוואַ". זיי האָבן געשפּילט אַ באַדייטנדע ראָלע נאָר אין דער צייט פון דער ערשטער מיטל־ליטווישער רעגירונגס־קאָמיסיע, פון וועלכער דער פאָרזיצער וו. אַבראַמאָוויטש, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, איז געווען אַ „קראַיאָוועץ". דערנאָך אָבער האָבן די „קראַיאָווצעס" קיין גרויסע השפּעה אויף דער פּאָליטיק ניט געהאַט, ווייל צו זיי געהערט נאָר אַ קליינער טייל פון דער פּוילישער אינטעליגענץ.

*) אַלס אַ בולטע אילוסטראַציע, אַז מיטל־ליטע האָט נאָך דער ערשטער צייטווייליקער רעגירונגס־קאָמיסיע שוין כמעט אינגאַנצן פאַרלאָרן אַפילו איר דעקאָראַטיווע „זעלבשטענדיקייט", קען דינען אַזאַ פאַקט: די מלוכה־באַאַמטע פון מיטל־ליטע זיינען פּלוצלונג דעגראַדירט געוואָרן, דהיינו: די, וועלכע האָבן זיך אין דער צייט פון דער ערשטער רעגירונגס־קאָמיסיע גערעכנט פון דעם דריטן ראַנג, זיינען אין דער צייט פון דער צווייטער קאָמיטיע פאַררעכנט געוואָרן צו

דעם ענדגילטיקן קלאַפּ דער „זעלבשטענדיקער" מיטל=ליטע אָבער האָט געגעבן געג. זשעליגאָווסקיס דעקרעט פון 1=טן פעבּרואַר 1921 יאָר וועגן אָפּלייגן די וואַלן אין סיים אויף אַן אומבּאַשטימטן טערמין. דער דעקרעט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן לויט אַ דירעקטן פאָרשלאָג פון דער פּוילישער רעגירונג, אויף וועלכער עס האָט געמאַכט אַ דרוק אין דעם זין די פעלקער=ליגע. פאַרשטייט זיך, אַז אויף דעם באַשלוס האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה די באַציאונג פון דער ניט=פּוילישער באַפעלקערונג (איבערהויפּט פון דער יידישער) צום סיים, פון וואָס ס׳איז אויך געווען אינפאָרמירט די פעלקער=ליגע.

רעזיגנירנדיק פון סיים, האָט „מיטל=ליטע" פאַרלאָרן דעם לעצטן שאָטן פון זעלבשטענדיקייט, און דער גורל פון קאַנט איז שוין אָפּן איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון פּוילן און פון דער פעלקער=ליגע.

די פעלקער=ליגע איז אָבער אויך געווען אין אַ גרויס פאַרלעגנהייט בנוגע צו דעם סיכסוך. וועגן דער פּאָזיציע פון דער פעלקער=ליגע האָט „טיימס" איינמאָל אַזוי געשריבן: „די אומבּאַהאָלפנקייט פון דער פעלקער=ליגע אין ענין ווילנע האָט קלאָר מאַניפעסטירט באַלפור אין זיין רעדע... די שוועריקייטן פון אַן ענדגילטיקער אינטערווענציע מצד דער פעלקער=ליגע אין ליטע און פּוילן זיינען זייער גרויס... וואָס קען די קאָמיסיע טאָן? העכסטנס קען זי דראָען, אַז זי וועט אָפּפאָרן. און אויב זי וועט אָפּפאָרן, וואָס קען די פעלקער=ליגע טאָן? ערקלערן אַן עקאָנאָמישן באָיקאָט פּוילן? דאָס וואָלט געשטעלט אין סכנה די איצטיקע לאַגע פון אייראָפּע... אין דער דאָזיקער פראַגע... איז די פעלקער=ליגע אומבּאַהאָלפן, ווייל זי קען ניט דורכפירן מיט כוח אירע באַשלוסן".

די אומבּאַהאָלפנקייט פון דער פעלקער-ליגע האָט זיך נאָך פאַרגרעסערט דערמיט, וואָס ביידע צדדים (פּוילן און ליטע) זיינען געווען ניט צופרידן מיט איר באַשלוס וועגן פלעביסציט. קיין אינטערנאַציאָנאַלע מיליטערישע אָפּטיילונגען האָט זיך אויך ניט איינגעגעבן אַרויסצושיקן אין ווילנער קאַנט. ערשטנס, האָבן זיך אין עטלעכע לענדער די אַרבעטער=פּאַרטייען אַרויסגעזאָגט קעגן אַרויסשיקן פון זייער לאַנד מיליטער מיט פּאָליצייאישע פונקציעס. צווייטנס, איז זשעליגאָווסקיס מיליטער פאַרבליבן אין ווילנער קאַנט און מען האָט מורא געהאַט, עס זאָל ניט קומען צו צוזאַמענשטויסונגען צווישן אים און די אינטערנאַציאָנאַלע אָפּטיילונגען, אַחוצדעם פלעגט נאָך פּוילן מוסירן אַלערליי קלאַנגען וועגן דער עפּידעמיע פון כאָלערע אין דעם פלעביסציט=געביט, און דער באַשלוס פון דער פעלקער=ליגע וועגן אינטערנאַציאָנאַלן קאָרפּוס איז סוף=כל=סוף געבליבן נאָר אויפן פּאַפּיר.

איבערדעם און אויך איבער אַנדערע טעמים איז דער פּלעביסציט אינגאַנצן אַראָפּ פון סדר=היום, און מען האָט אָנגעהויבן אַלץ מער ריידן וועגן אַ פאַרשטענדיקונג צווישן פּוילן און ליטע גופא.

אייגנטלעך האָבן זיך די אונטערהאַנדלונגען צווישן די פּאָליאַקן און די ליטווינער אָנגעהויבן נאָך אין דעצעמבער פון 1920, לויט דעם פאָרשלאָג פון דער קאָנטראָל=קאָמיסיע. די אונטערהאַנדלונגען זיינען פאָרגעקומען אין וואַרשע און אויף זיי האָט זיך איבערהויפּט דעבאַטירט די פראַגע וועגן אַ פעדעראַציע צווישן פּוילן און ליטע. די ליטווינער האָבן פאָרגעלייגט, אַז זיי קענען גאַראַנטירן די נייטראַליטעט פון ליטע אין די מלחמות צווישן פּוילן און אירע שכנים, אַז זיי וועלן געבן פּוילן פרייען טראַנזיט צום ים, אַז זיי גאַראַנטירן דער פּוילישער באַפעלקערונג אין ליטע

דעם פינפטן ראַנג וכדומה. דאָס איז געשען דערפאַר, וואָס פריער זיינען זיי געווען אָנגעשטעלטע פון אַ זעלבשטענדיקער מלוכה, און איצט פון אַ פּראָווינץ, וועלכע איז פאַרבונדן מיט אַ געהעריקן פּוילישן מיניסטעריום.



פּערסאָנאַלע אַווטאָנאָמע, אַז זיי זיינען מסכים צו בויען די מלוכה=אָרדענונג אין ליטע אויף די יסודות פון אַ ברייטער דעצענטראַליזאַציע, אין די ערטער מיט אַ געמישטער באַפעלקערונג אָנערקענען די שפּראַך פון דער מערהייט פאַר גלייכבאַרעכטיקט מיט דער מלוכה=שפּראַך אין אַלע קאָמונאַלע און מלוכישע אינסטיטוציעס, וואָס טראָגן אַן אָרטיקן כאַראַקטער, און דורכפירן הוספה=וואַלן צום ליטווישן סיים אויף דער שטרייט=טעריטאָריע אונטער דער קאָנטראָלע פון אַ ספּעציעלער קאָמיסיע. אין דער זעלבער צייט האָבן די ליטווינער אַרויסגעשטעלט אַ ריי פונקטן, דהיינו: פּוילן זאָל אָנערקענען ליטע „דע יורע", מסכים זיין אויף דעם, אַז ווילנע זאָל זיין די הויפּטשטאָט פון ליטע א. אַנד. די פּוילישע פעדעראַליסטן אָבער האָבן געוואָלט, אַז צווישן פּוילן און ליטע זאָל געשאַפן ווערן אַ פעדעראַציע מיט מיליטערישע און עקאָנאָמישע קאָנווענציעס, וועלכע זאָלן ענג פאַרבינדן ביידע מלוכות. פון דער פּוילישער זייט איז אויך אַרויסגערוקט געוואָרן אַ פּראָיעקט וועגן פאַרוואַנדלען ליטע אין אַ מלוכה פון פעדערירטע קאַנטאָנען, וועלכע זאָלן האָבן לפי=ערך די זעלבע רעכט, ווי די באַזונדערע קאַנטאָנען פון דער שווייץ.*)

צו קיין אויסגלייך צווישן ביידע צדדים איז אָבער ניט געקומען, און די וואַרשעווער אונטערהאַנדלונגען האָבן זיך מיט גאָרנישט געענדיקט.

נאָכדעם זיינען פאָרגעקומען אַ ריי אונטערהאַנדלונגען צווישן ווילנער און קאָוונער געזעלשאַפטלעכע טוער, אָבער אויך זיי האָבן ניט געבראַכט צו ממשותדיקע רעזולטאַטן.

די פעלקער=ליגע האָט זיך פונדעסטוועגן נאָך אַלץ ניט אַנטזאַגט פון איר אינטערווענציע אין דעם ענין ווילנע און האָט געדריקט אויף ביידע צדדים, זיי זאָלן פּאָרט פּרובן קומען צו אַן אויסגלייך אויף דעם יסוד פון אַ פעדעראַציע, און אין בריסעל האָט זיך דעם 6=טן מאַי 1921 אָנגעהויבן אַ נייע קאָנפערענץ פון פאָרשטייער פון ביידע צדדים (פּוילן און ליטע) אונטער דעם פאָרזיץ פון דעם בעלגישן מיניסטער, הימאַנס.

*) וועגן א קאנטאָנאַלער סיסטעם פון גרויס-ליטע האָט מען שטאַרק גערעדט עטלעכע מאָל און מען פלעגט שוין אפילו אָנגעבן בעניוע פּראָיעקטן פון אזא סיסטעם.

אזוי האָט מען אין אָנהייב גערעדט וועגן אזעלכע דריי קאנטאָנען: קאָוונער (ליטווישער), ווילנער (פּוילישער) און א ווייסרוסישער קאנטאָן. אָבער אין דער צייט פון די וואַרשעווער אונטערהאנדלונגען האָט שוין קיינער וועגן א ווייסרוסישן קאנטאָן ניט דערמאָנט, און די פּוילישע פעדעראַליסטן האָבן ארויסבערוקט אזא פּראָיעקט פון א קאנטאָנאַלער גרויס-ליטע: גאַנץ ליטע ווערט איינגעטיילט אויף קאנטאָנען: ווילנער, קאָוונער און מעמעלער (טילזיטער). צווישן די קאנטאָנען דאַרף ניט זיין קיין צאָל-גרעניצן און זיי דאַרפן האָבן איין וואַליוטע. וואָס איז שייך אָבער צו מיליטערישע ענינים, קענען קאָוונער און מעמעלער קאנטאָנען צוזאַמען האָבן ניט מער מיליטער, וויפיל דער ווילנער קאנטאָן.

יעדער קאנטאָן האָט בעזאָלט האָבן זיין באַזונדער סיימיק (ווי די קאנטאָנאַלע לאַנדטאַגן אין שווייץ), אַחוץ דעם אַלגעמיינעם גרויס-ליטווישן סיים. דער לעצטער אָבער וואָלט בעדאַרפט האָבן א קלענערע באַדייטונג, ווי די סיימען פון די קאנטאָנען, און אין פאַרשיידענע קאנטאָנען וואָלטן, למשל, געקענט זיין פאַרשיידענע שול-סיסטעמען, פאַרשיידענע אַגראַר-רעפאָרמען וכדומה.

די קאנטאָנאַלע גרויס-ליטע האָט לויט דעם פּראָיעקט פון די פּוילישע פעדעראַליסטן, בעדאַרפט שליסן מיט פּוילן א פעדעראַציע, וועלכע זאָל דערהויפּט אַנטהאַלטן א מיליטערישע פאַרטיידיקונגס-קאָנווענץ, דאָס הייסט, אויף דעם פאַל, ווען אויף איינע פון די צוויי פעדערירטע מדינות וועט אָנפאַלן א שונא. די הויפּט-פאַרוואַלטונג פון דער ליטווישער אַרמיי זאָל זיך געפינען אין וואַרשע.

פאַרשטייט זיך, אז די ליטווינער זיינען געווען קעגן דעם קאנטאָנאַלן פּראָיעקט. ערשטנס, וואָלט דער ווילנער קאנטאָן געוואָרן אָפּגעזונדערט פון דער איבעריקער ליטע און, צווייטנס, האָבן די ליטווינער ניט געוואָלט מסכים זיין אויף אזא ענגער פעדעראַציע מיט פּוילן. זיי זיינען נאָר געווען גרייט איינצוגיין אויף אַלערליי קאָנווענציעס בנוגע צום טראַנזיט, אייזנבאַן וכדומה.

ע נ ס ק י

# די פויליש=ליטווישע אונטערהאַנדלונגען.

דעם 2=טן מאַי 1921 האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן די פויליש=ליטווישע אונטערהאַנדלונגען, דאָסמאָל אין דער בעלגישער הויפטשטאָט בריסעל אונטערן פאָרזיץ פון בעלגישן מיניסטער ה י מ אַ נ ס. כאַראַקטעריסטיש איז, אַז די יונגע פוילישע רעפובליק, וואָס האָט פון ערשטן מאָמענט פון איר עקסיסטענץ געפירט אַ מלוכה=אַנטיסעמיטיזם און ניט צוגעלאָזן קיין יידן צו קיין שום מלוכה=אַמט, האָט געמוזט אָנקומען צום יידישן אַסימילירטן פּראָפעסאָר שמעון אַשכנזי, אַז ער זאָל אָננעמען די שווערע מיסיע אויסצולייזן ווילנע פון די ליטווישע הענט. פון דער ליטווישער זייט האָט געשפילט די הויפט=פידל מיניסטער ג אַ ל ו ו אַ נ אַ ו ס ק אַ ס אַלס פאָרזיצער פון דער ליטווישער דעלעגאַציע. אַחוצדעם האָבן נאָך אין די אונטערהאַנדלונגען אָנטייל גענומען פאַרשיידענע עקספערטן אין פאָרשטייער פון דער פעלקער=ליגע, ווי דער הויפט=סעקרעטאַר פון דער פעלקער=ליגע ד ר ו מ אָ נ ד , דער פאָרזיצער פון דער קאָנטראָל=קאָמיסיע פון דער פעלקער=ליגע פּאָלקאָוניק ש אַ ר ד י נ י און אַנדערע.

עס האָט זיך גלייך פון ערשטן מאָמענט אַרויסגעוויזן, אַז פאַר ליטע האָבן די אונטערהאַנדלונגען נאָר אויף אַזוי פיל אַ ווערט, אויף וויפיל זיי דערנעענטערן די לייזונג פון דער ווילנער פראַגע. וועט פוילן איינגיין אויף דעם, אַז ווילנע זאָל געהערן צו ליטע, דאַן איז די לעצטע גרייט צו מאַכן הנחות פאַר פוילן און שליסן מיט איר געוויסע אָפּמאַכן, אָבער מיט שטאַרקע באַוואָרענישן, ווי מיר וועלן זען ווייטער. אויב ניט, דאַן וויל זיך ליטע איבערהויפט ניט פאַרבינדן מיט פוילן, וואָס איר גאַנצע ווירטשאַפט און פינאַנסן, ווי אויך די פּאָליטיק קענען ניט אַרויסרופן קיין צוטרוי. איז דאָך שוין גלייכער פאַר ליטע לאָזן זיך ווייטער אָנפירן דורך דייטשלאַנד, וואָס קוכט שנעל צו זיך נאָכן חורבן פון דער וועלט=מלחמה.

פוילן, דאַקעגן, איז געשטאַנען אויף אַ גאַנץ אַנדערן שטאַנדפונקט. דאָ האָט מען נאָך געדענקט די אַמאָליקע גוטע צייטן פון דער עפּאָכע פון ליטווישן גרויספירשטנטום, ווען ליטע איז געווען פאַראייניקט מיט פוילן דורך אַ אוניע. וואָלט ליטע איצטער איינגעגאַנגען אויף אַ פעדעראַציע, דאַן איז שוין ממילא ניט אַזוי וויכטיק, צו וועמען ווע‎ט געהערן ווילנע, ווייל דאַן וואָלט זיך די קליינע ליטע געפונען פאַקטיש אונטער דער הערשאַפט און איינפלוס פון דער גרויסער און קולטורעל מער אַנטוויקלטער פוילישער רעפובליק. דאַן האָט פוילן אַ פרייען צוטריט צום באַלטישן ים, דאַן האָט זי אין איר רשות די וועלדער און פרוכטבאַרע פעלדער פון ליטע, דאַן באַהערשט זי דעם האַנדל צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד און אַזוי=אַרום עפענען זיך פאַר איר גלענצנדע פערספעקטיוון. דעריבער איז פאַר פוילן דער עיקר געווען—דער בונד מיט ליטע, און ניט די פראַגע וועגן ווילנע.

אמת, ניט אַלע פוילישע ריכטונגען זיינען געשטאַנען אויף דעם דאָזיקן שטאַנדפונקט. די ענדעקעס און זייערע נאָענטע שותּפים זיינען פשוט געווען דערפאַר, אַז מען זאָל ווילנע אָן ווייטערדיקע טענות פאַראייניקן צו פוילן און איינמאָל פאַר אַלע מאָל מאַכן אַ סוף צו דעם גאַנצן ענין. אָבער די אָנפירנדיקע פוילישע פאַרטייען מיטן מלוכה=שעף פּילסודסקי בראש זיינען געווען פאַר אַ פעדעראַציע, בפרט נאָך אַז זיי האָבן זיך געמוזט רעכענען מיט דער אַנטאַנטע, וואָס האָט צוגעזאָגט ליטע, אַז זי וועט באַקומען ווילנע, איר אַמאָליקע הויפטשטאָט.

ביי אַזאַ לאַגע איז שווער געווען צו געפינען אַ בשותּפותדיקע שפּראַך און דורכצוקומען צווישן זיך. הימאַנס האָט עס גאַנץ גוט פאַרשטאַנען. ער האָט דעריבער פאָרגעלייגט: לאָמיר פאַרגעסן אויף אַ מינוט אָן ווילנע. ליטע און פוילן נייטיקן זיך קעגנזייטיק אין אַ דערנעענטערונג און הילף, אַזוי גוט ווי אַלע אַנדערע מלוכות, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אַלס אַ רעזולטאַט פון דער וועלט=מלחמה אָדער צוליב פאַרשיידענע פּאָליטישע קאָמבינאַציעס. בכן לאָמיר אונטערהאַנדלען אָט וועגן דעם און דער ענין ווילנע וועט שוין ממילא געלייזט ווערן.

הימאַנס האָט שוין אייגנטלעך געהאַט אַ אויסגעאַרבעטן פּלאַן פון פאַרשטענדיקונג, וואָס איז געווען אַפּראָבירט דורך די גרויסע מלוכות און, ווי בייזע ליטווישע צינגער זאָגן, האָט פוילן אַליין הינטער די קוליסן געהאָלפן צוזאַמענשטעלן דעם דאָזיקן פּראָיעקט, אָדער אַלנפאַלס מסכּים געווען אויף אים.—דאָס איז דער באַרימט געוואָרענער ה י מ אַ נ ס ע ס פּ ר אָ י ע ק ט , וואָס אים זאָל האָבן פאַרפאַסט דער באַקאַנטער פוילישער כּלל=טוער גענעראַל ב אָ ב י אַ נ ס ק י. הימאַנס האָט אָבער געוואָלט מאַכן עס דיפּלאָמאַטיש. לאָזן די פוילישע און ליטווישע פאָרשטייער אַליין אונטערהאַנדלען צווישן זיך, לאָזן זיי גיין קעגנזייטיק אויף הנחות, וועלן זיי ממילא קומען נענטער צום ציל. אגב וועט מען שטענדיק קענען מאַכן אַ דרוק אויף פוילן פון איין זייט און ליטע פון דער צווייטער זייט, אַז זיי זאָלן ווערן נאָכגעביקער און דורכקומען צווישן זיך.

אַזוי צי אַזוי, ביידע צדדים, וואָס האָבן זיך פאָרט געמוזט רעכענען מיט דער מיינונג פון די גרויסע מלוכות, האָבן מסכּים געווען אָנצוהייבן אונטערהאַנדלונגען וועגן אַ עקאָנאָמישן, מיליטערישן און פּאָליטישן אָפּמאַך. דערביי האָט זיך דער ליטווישער פאָרשטייער גאַלוואַנאַוסקאַס אויסגערעדט דאָס רעכט זיך אומצוקערן צו דער ווילנער פראַגע, אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז די אונטערהאַנדלונגען וועלן צו קיין שום רעזולטאַט ניט ברענגען.

מען איז צוגעטראָטן צוערשט צו דער פראַגע וועגן אַ מיליטערישן אָפּמאַך. און דאָ האָט זיך גלייך אַרויסגעוויזן די גאַנצע אומקלאָרע לאַגע פון די ניי געשאַפענע מלוכות, באַזונדערס פון יענע פון זיי, וואָס האָבן נאָך ניט קיין באַשטימטע גרעניצן. וואָס איז שייך פוילן, איז די לאַגע נאָך געווען קאָמפּליצירטער, ווייל אין משך פון דער קורצער געשיכטע פון איר תּחית=המתים האָט זי כסדר געהאַלטן אין איין פירן מלחמות און זיך שאַפן שונאים פון אַלע זייטן, ווי צום ביישפּיל: דייטשלאַנד, טשעכיע, אוקראַינע און רוסלאַנד. דעריבער האָט ליטע מורא ערשטנס, אַז אַ מיליטערישער אָפּמאַך מיט פוילן וועט זי אַריינציען אין אַ מלחמה מיט די שכנים, פריער פון אַלץ מיט דער רוסישער רעגירונג, וואָס וועט קומען אַלס יורשטע פון ראַטנרוסלאַנד.

אַרויסגייענדיק פון דעם דאָזיקן שטאַנדפונקט, האָט גאַלוואַנאַוסקאַס ערקלערט, אַז ליטע קען נאָר דאַן שליסן אַ מיליטערישן אָפּמאַך מיט פוילן, אויב די גרויסע מלוכות וועלן אָנערקענען דעם ריגער אָפּמאַך (דעם שלום=אָפּמאַך צווישן פוילן און ראַטנרוסלאַנד).

עס זיינען נאָך באַהאַנדלט געוואָרן פאַרשיידענע פּרטים פון אַ מיליטערישן אָכמאַך, צום ביישפּיל, וואו זאָל זיך געפינען

די הויפּט=קאָמאַנדע, צי האָט פּוילן דאָס רעכט איבערצוטרעטן די ליטווישע טעריטאָריע אין פאַל פון אַ מלחמה מיט וועלכן עס איז פון די שכנים און אַ. וו. דאָ האָט זיך שטאַרק געלאָזט פילן דער קעגנזייטיקער אומצוטרוי, באַזונדערס מצד ליטע, וואָס האָט אַלס שוואַכערער צד מער גרונד מורא צו האָבן. ענדלעך איז די פראַגע אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער עקספּערטן=קאָמיסיע.

אויף דער זיצונג פון 7=טן מאַי איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע פון אַ עקאָנאָמישן אָפּמאַך. דאָ האָט זיך ווייטער אַ איבעריקן מאָל אַרויסגעוויזן, אַז ליטע וויל ניט ווערן צופיל מחותנתטע מיט פּוילן. די ליטווישע פאָרשטייער האָבן פאָרגעלייגט צו שליסן מיט פּוילן דעם זעלבן אָפּמאַך, ווי ליטע האָט געשלאָסן מיט ראַטנרוסלאַנד, ד. ה. געבן איר געוויסע פּריווילעגיעס לגבי די איבעריקע מלוכות, און ניט מער. דער שכל דערפון איז פּשוט: להיפוך צו פּוילן, וואָס האַלט כסדר אין איין אַרויסלאָזן נייע אַסיגנאַציעס, אַדאַנק וואָס דער קורס פון מאַרק פאַלט פון טאָג צו טאָג און דער ביודזשעט ווייזט אַ קאָלאָסאַלן דעפיציט, האָט זיך ליטע איינגעגעבן איינצוהאַלטן דעם קורס פון אָסטמאַרק (פאַר וועלכן אַגב די דייטשן זיינען ערב) און ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס 50 פּראָצענט פון דעם ליטווישן ביודזשעט גייט אויף מלחמה=צוועקן, — אויסצוקומען אָן אַ דעפיציט. דעריבער האָט ליטע ניט געוואָלט אַריינגיין מיט פּוילן אין אַ מאָנעטאַרן אָפּמאַך און נעמען אויף זיך די התחייבות פאַר דער פּוילשער וואַליוטע. די ליטווישע פאָרשטייער האָבן נאָר פאָרגעלייגט, אַז היות ווי ליטע וועט איצטער נאָכן לייזן דעם פּויליש=ליטווישן סיכסוך איבערגיין צו אַ נאָרמאַלער ווירטשאַפט און אַרויסלאָזן איר אייגן געלט, בכן איז זי גרייט צו גרינדן אַ נאַציאָנאַלע באַנק און אַרויסלאָזן געלט אויף די זעלבע יסודות וואָס פּוילן. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז ליטע נעמט אויף זיך וועלכע עס איז התחייבותן לגבי פּוילן.

די ליטווישע פאָרשטייער האָבן אויך ניט געוואָלט איינגיין אויפן פּוילישן פאָרשלאָג צו מבטל מאַכן דעם גרעניץ=אָפּצאָל צווישן פּוילן און ליטע, ווייל, אַדאַנק דעם נידעריקן קורס פון דעם פּוילישן מאַרק, וואָלטן די פּוילישע סחורות פאַרפלייצט ליטע, און די ליטווישע אינדוסטריע, וואָס קאָנצענטרירט זיך אין ווילנע, וואָלט ניט געקענט קאָנקורירן מיט דער פּוילישער.

ענדלעך ווערט די פראַגע וועגן אַ עקאָנאָמישן אָפּמאַך אויך אָפּגעשיקט אין אַ עקספּערטן=קאָמיסיע. עס ווערט אויך אָנגענומען הימאַנסעס פאָרשלאָג, אַז ביידע מלוכות אָנערקענען פאַר וויכטיק איינצושטעלן אין גיכן קאָנסולאַרע באַציאונגען.

ביים באַהאַנדלען די פראַגע וועגן אַ פּאָליטישן אָפּמאַך האָט זיך ווידער אַרויסגעוויזן דער גרויסער אונטערשייד צווישן ליטווישן און פּוילישן שטאַנדפּונקט. פּוילן האָט געפאָדערט, עס זאָל געשאַפן ווערן אַ באַזונדערע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל קאָאָרדינירן די פּאָליטיק פון ביידע מלוכות. ליטע האָט זיך אויך דאָ, ווי אויפן עקאָנאָמישן און מיליטערישן געביט, אַרויסגעזאָגט קעגן שאַפן אַזאַ מין אָרגאַן, אייבגעפינענדיק, אַז מען קען יוצא זיין מיט אַ פּעריאָדישער קאָנפערענץ פון די באַזונדערע מיניסטאָרן פאַר אויסלענדישע ענינים. אמת טאַקע, אין משך פון דער דיסקוסיע זיינען די ליטווישע פאָרשטייער געגאַנגען אויף געוויסע הנחות אין דער דאָזיקער און אַנדערע פראַגן, אָבער צו אַ פאַרשטענדיקונג איז נאָך געווען ווייט.

ווען דער באָדן איז שוין אַזוי=אַרום געווען צוגעגרייט, איז הימאַנס אַרויסגעטראָטן מיט זיין אייגענעם פּראָיעקט. ער האָט דערביי באַטאָנט, אַז זיין פּראָיעקט איז נאָר אַ גרונד פאַר דיסקוסיע, און פאַרשיידענע פּרטים פון אים קענען ווערן געענדערט, אָבער גלייכצייטיק האָט ער ביידע צדדים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דער דאָזיקער פּראָיעקט שטימט מיטן ווילן פון דער אַנטאַנטע און דעריבער מוז מען זיך מיט אים ערנסט רעכענען.





## אָט איז דער פולער טעקסט פון דעם פּראָיעקט:

1) ביידע מלוכות, פּוילן און ליטע אָנערקענען קעגנזייטיק די אומאָפּהענגיקייט און סובערעניטעט פון דער צווייטער מלוכה. גלייכצייטיק אָנערקענען זיי, אַז זיי האָבן אַ גאַנצע ריי געמיינזאַמע אינטערעסן, צוליב וועלכע ס'איז אומבאַדינגט נייטיק איינצושטעלן אַ סיסטעם פון צוזאַמענאַרבעט, געשטיצט אויף ספּעציעלע קאָנווענצן און אויף געשאַפענע שטענדיקע אָרגאַנען, וועלכע פירן עס דורך אין לעבן.

2) אַלס גרעניץ צווישן פּוילן און ליטע דינט די קערזאָן-גרעניץ ביזן ניעמאַן, ווייטער ביז דרוסקעניק, סטאַראַ-רודאַ, יעזיאָרי, צוגייענדיק ווייטער ביזן ניעמאַן ביי וואָליע, און פאַראייניקנדיק זיך ביי דער בערעזינע מיט דער רוסישער גרעניץ.

3) די ליטווישע רעגירונג וועט זיך מתחייב זיין איינצואָרדענען ליטע אויף קאָנסטיטוציאָנעלע יסודות, אַלס פעדעראַטיווע מלוכה, וועלכע באַשטייט פון 2 אויטאָנאָמע קאַנטאָנען—קאָוונע און ווילנע. די גרעניץ צווישן ביידע קאַנטאָנען וואָלט צוזאַמענגעפאַלן אומגעפער מיטן היינטיקן נייטראַלן פּאַס.

4) די קאַנטאָנען וועלן ווערן אָרגאַניזירט אויפן זעלבן גרונד ווי די שווייצאַרישע, און די צענטראַלע רעגירונג וועט האָבן דיזעלבע אַטריבוטן ווי די פעדעראַטיווע רעגירונג אין בערן (שווייץ). די הויפּטשטאָט פון דער מלוכה וועט זיין ווילנע.

5) די אַרמיי וועט אָרגאַניזירט ווערן אויפן גרונד פון אַ קרייז-רעקרוטירונג מיט איין אָנפירונג ווי אין שווייצאַריע.

6) די פּוילישע און ליטווישע שפּראַכן ווערן אָנערקענט אַלס אָפיציעלע אין דער גאַנצער מלוכה.

7) אין דער גאַנצער ליטווישער מלוכה באַקומען די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן די ברייטסטע גאַראַנטיעס בנוגע שול, שפּראַך, רעליגיע און רעכט פון קאָאַליציע.

8) די מיליטערישע אָפּטיילונגען, וואָס פאַרנעמען ביים איצטיקן מאָמענט די טעריטאָריע פון ווילנע, מוזן זי פאַרלאָזן, נאָכדעם ווי די צדדים וועלן קומען צו אַ הסכם. דאָס איז אויך נוגע אַלע באַאַמטע, וואָס שטאַמען ניט פון דעם קאַנט. די מיליטער-אָפּטיילונגען פון דער ליטווישער רעגירונג וועלן אַריינגיין אין ווילנער קאַנטאָן נאָכן אָרגאַניזירן דעם דאָזיקן קאַנטאָן און נאָך די וואַלן אין קאָמונאַלע, קאַנטאָנאַלע און געזעצגעבנדיקע אינסטיטוציעס.

9) בעת דעם איבערגאַנגס-פּעריאָד, אין פאַל ווען ס'וועט זיין אוממעגלעך צו אָרגאַניזירן מיט דער הילף פון אָרטיקע עלעמענטן אַ גענוגנדיקן קאָנטינגענט פּאָליציי אויף איינצוהאַלטן די אָרדענונג און צו פאַרטיידיקן די מזרח=גרעניץ, וועלן גלייכע קאָנטינגענטן פון ליטווישן און פּוילישן מיליטער קענען אַריינגעלאָזן ווערן אין ווילנער קאַנטאָן און פאַרנעמען דאָרט ראַיאָנען, וואָס וועלן ווערן באַשטימט פאָרויס לויט אַ הסכם צווישן ביידע רעגירונגען.

10) כדי צו פאַרזיכערן אַ אייגהייטלעכע אויסלענדישע פּאָליטיק, נאָמינירן ביידע רעגירונגען צו 3 פאָרשטייער אין בשותּפותדיקן ראַט פאַר אויסלענדישע ענינים. צו די פונקציעס פון ראַט געהערן: א) צו באַשליסן מיט אַ מערהייט שטימען, וועלכע פראַגן גייען אָן ביידע מלוכות; ב) צו שטודירן די פראַגן און אויסאַרבעטן אַ פּראָגראַם פון בשותּפותדיקער פּאָליטיק. דער ראַט גרייט אויך צו אַ באַריכט פאַר די פּעריאָדישע קאָנפערענצן פון די רעגירונגען.

11) ביידע סיימען, דער פּוילישער און דער ליטווישער, וועלן לויטן מאָדוס פון פּראָפּאָרציאָנעלער פאָרשטייערשאַפט באַשטימען צוויי דעלעגאַציעס מיט אַ גלייכער צאָל מיטגלידער. פראַגן פון אויסלענדישער פּאָליטיק, וואָס זיינען נוגע ביידע צדדים און פאָדערן אַ געזעצגעבערישע סאַנקציע, וועלן באַטראַכט ווערן דורך געמיינזאַמע זיצונגען פון ביידע דעלעגאַציעס און זייער באַשלוס וועט ראַטיפיצירט ווערן דורך ביידע סיימען.

12) אַ מיליטערישע דעפענסיווע קאָנווענץ וועט אונטערגעשריבן ווערן אויף פאָלגנדיקע יסודות:

א) פאַרשטענדיקונג צווישן ביידע גענעראַלשטאַבן וועגן אויסאַרבעטן מעטאָדן פון אויסבילדן און אָרגאַניזירן דאָס מיליטער;

ב) פאַרשטענדיקונג פון ביידע שטאַבן אין צייט פון שלום וועגן אויסאַרבעטן אַ בשותּפותדיקן סטראַטעגישן פּלאַן אויפן פאַל פון אַ מלחמה, ווי אויך אַ פּלאַן פון מאָביליזאַציע, טראַנספּאָרטירן, קאָנצענטרירן און פונאַנדערטיילן דאָס

מיליטער אויפן פראָנט. די דאָזיקע פאַרשטענדיקונג זאָל דערגרייכט ווערן מיט יער הילף פון פעריאָדישע קאָנפערענצן. אחוצדעם זאָל פאַרזיכערט ווערן אַ שטענדיקע פאַרבינדונג דורך אַ שטענדיקן אָרגאַן, פאַר שטודירן און מיטאַרבעטן אין פאַרשיידענע מיליטערישע פראַגן.

ג) אַ באַגרעניצטע הילף פון דער ליטווישער אַרמיי פאַר דער פוילישער מחוץ פון דער ליטווישער טעריטאָריע. צוזאַמענאַרבעט פון דער פוילישער אַרמיי מיט דער ליטווישער אויף דער ליטווישער טעריטאָריע. די קעגנזייטיקע באַנוצונג פון די טעריטאָריאַלע באַזעס, וועגן, אייזנבאַנען און א. וו. אין אַ געמיינזאַמען סטראַטעגישן אינטערעס.

ד) אַ איינהייטלעכע קאָמאַנדע אין פאַל פון בשותפותדיקע אָפּעראַציעס פון ביידע אַרמייען, איבערלאָזנדיק דעם גרעסטן טייל פון ליטווישן מיליטער אונטער אַ ליטווישער מיליטער-אָנפירונג.

די אָפּשאַצונג פון דעם דעפענסיווע-כאַראַקטער פון יעדער פאָרויסגעזעענער מלחמה-אָפּעראַציע וועט געהערן צום בשותפותדיקן ראַט פאַר אויסלענדישע ענינים. אין פאַל פון חלוקי-דעות צווישן די פאָרשטייער פון ביידע רעגירונגען אין ראַט, זיינען זיך פוילן און ליטע מתחייב אונטערצוּוואַרפן זיך דעם באַשלוס פון אַ בורר, וואָס ווערט אויף פאָרויס באַשטימט דורך דער פעלקער-ליגע, מיט דער הסכמה פון ביידע צדדים.

13) צווישן ביידע מלוכות ווערט געשלאָסן אַ עקאָנאָמישע קאָנווענץ, וואָס גייט ווייטער פון דעם פרינציפּ פון דער צום מייסטן פּריווילעגירטער מלוכה.

ביידע מלוכות נעמען אָן דעם פּרינציפּ, פריי אַריינצולאָזן די פּראָדוקטן פון דער צווייטער מלוכה מיט געוויסע נייטיקע אויסנאַמען, וואָס זיינען אַרויסגערופן אָדער דורכן אינעווייניקסטן פיסקאַלן רעזשים, אָדער—ביז וואַנען מען וועט איינשטעלן אַ איינהייטלעכע מאָנעטאַרע סיסטעם—דורך דעם אומגלייכן צושטאַנד פון דער וואַלוטע.

עס ווערט געבילדעט אַ בשותפותדיקער עקאָנאָמישער ראַט, אין וועלכן עס גייען אַריין צו 3 פאָרשטייער פון יעדער מלוכה. זיין אויפגאַבע וועט זיין:

א) אַכטונג געבן, מען זאָל אויספירן דעם צאָל-אָפּמאַך.

ב) ענדערן דעם דאָזיקן אָפּמאַך אין פאַל פון נויטווענדיקייט.

ג) זיך פאַרנעמען מיט אַלערליי בשותפותדיקע עקאָנאָמישע פראַגן, (טראַנספּאָרט און וועגן, מאָנעטאַרע סיסטעם, פיסקאַלער רעזשים, מאָנאָפּאָלן, איינקויף פון סחורות אין אויסלאַנד, עקאָנאָמישע קאָנווענצן).

דער ראַט וועט אויך צושטעלן ביידע רעגירונגען אַ בשותפותדיקן באַריכט.

14) פוילן ווערט צו יעדער צייט געזיכערט אַ פרייער צוטריט צו די ליטווישע פּאָרטן און פרייער טראַנזיט דורך דער ליטווישער טעריטאָריע פאַר סחורות-טראַנספּאָרטן און אויך מלחמה-מאַטעריאַלן.

15) אין פאַל, אויב צווישן ביידע לענדער וועט קומען צו אַ מיספאַרשטייעניש בנוגע דער אויסטייטשונג פון דער אויבנדערמאָנטער קאָנווענץ, זיינען זיי זיך מתחייב אונטערצוּוואַרפן דעם באַשלוס פון אַ בורר, וואָס די פעלקער-ליגע וועט באַשטימען מיט זייער הסכם.

ווי מיר זעען אַלזאָ, איז הימאַנסעס פּראָיעקט אַ קאָמפּראָמיס-פּראָיעקט, וואָס דער מחבר אַליין האָט איבעריקנס אָפן אָנערקענט. ביידע צדדים זיינען דעריבער געבליבן פון אים ניט צופרידן, אָדער אַלנפאַלס געוואָלט מאַכן אַ אָנשטעל, אַז זיי זיינען ניט צופרידן. און כאָטש זיי האָבן ביידע אויסגעדריקט זייער הסכמה אָנצוהייבן אונטערהאַנדלונגען אויפן גרונד פון דעם דאָזיקן פּראָיעקט, האָבן זיי געמאַכט דערביי פאַרשיידענע תנאים און צוגעגעבן קאָנטרפּאָרשלאָגן, וואָס מאַכן צו גאָרנישט דעם דאָזיקן פּראָיעקט, ווי מיר וועלן זען ווייטער.

נאָך איידער די צדדים זיינען איבערגעגאַנגען צו אַ דיסקוסיע איבער הימאַנסעס פּראָיעקט, האָבן זיי אָנגעהויבן אַ דעבאַטע איבער דעם קערן פון סיכסוך — איבערן ענין ווילנע. אַשכנזי האָט געפּאָדערט, אַז די ליטווינער זאָלן מאָטיווירן זייערע טענות אויף ווילנע. דאַן האָט גאַלוואַנאַוסקאַס צוגעשטעלט אַ מעמאָראַנדום, וואָס דאַרף באַגרינדן די רעכט פון ליטע אויף ווילנער קאַנט.



די וויכטיקסטע אַרגומענטן פון דעם מעמאָראַנדום זיינען:

1) יורידישע מאָטיוון. ראַטנרוסלאַנד האָט אָנערקענט די אומאָפּהענגיקייט פון ליטע דורכן מאָסקווער אָפּמאַך פון 12-טן יולי 1920; דער 2-טער אַרטיקל פון דעם דאָזיקן אָפּמאַך שטעלט פעסט די גרעניץ צווישן ביידע מלוכות אויף אַזאַ אופן, וואָס לאָזט ניט איבער קיין שום אָרט פאַר ספקות וועגן אָנערקענען ווילנע און איר טעריטאָריע פאַר ליטע. די גרעניץ צווישן רוסלאַנד און ליטע, אָנגעמערקט דורכן מאָסקווער אָפּמאַך, שטעלט זיך אָפּ אויף מערב ביי דער צוזאַמענגיסונג פון די טייכן גאָראָדניאַנקאַ און באָבר.

אַז דער רוסיש-פוילישער אָפּמאַך אין ריגע איז ניט מבטל דעם מאָסקווער אָפּמאַך, באַווייזט די נאָטע פון רוסישן פּאָלקס-קאָמיסאַר פאַר אויסלענדישע ענינים טשיטשערין צום ראַטן-פאָרשטייער אין קאָוונע ה' אַראַלאָוו, וואו עס שטייט:

„דער ריגער אָפּמאַך איז בשום אופן ניט מבטל דעם רוסיש-ליטווישן אָפּמאַך אין מאָסקווע פון 12-טן יולי 1920. דער ריגער אָפּמאַך באַשליסט, אַז די ווילנער פראַגע דאַרף ערליידיקט ווערן אויסשליסלעך צווישן ליטע און פוילן, דאָס קומט גאָר ניט אין סתירה מיטן רוסיש-ליטווישן אָפּמאַך, וואָס בלייבט אין פולער קראַפט נאָכן אונטערשרייבן דעם ריגער אָפּמאַך.

די סובערענע הערשאַפט איבער ווילנע, וואָס די רוסישע רעפּובליק האָט איבערגעגעבן דער ליטווישער, וועט געהערן צו דער לעצטער אַזוי לאַנג, ווי זי וועט אַליין ניט באַשליסן איבערצוגעבן די סובערענע מאַכט דער פוילישער רעפּובליק”.

2) עטנאָגראַפישע מאָטיוון. אין ווילנער געביט אויסער די טעריטאָריעס ביי דער מזרח-גרעניץ, בילדן די ליטווינער די איינגעבוירענע באַפעלקערונג. אין אָנהייב פון צווייטן יאָרטויזנט נאָך קריסטוס געבורט באַווייזן זיך אין ליטע די יידן. מען געפינט אויך אַ קליינע צאָל פון פּראַוואָסלאַוונע סלאַוון-רוסן, טאָטערן און קאַראַאימער. וואָס איז שייך צו אַ עטנאָגראַפיש-פּוילישער באַפעלקערונג, דערמאָנען וועגן איר גאָרניט די היסטאָרישע דאָקומענטן, וואָס ריידן וועגן ווילנער קאַנט, זיי ריידן נאָר וועגן אַ אומבאַדייטנדן פּוילישן עלעמענט, וואָס האָט עמיגרירט קיין ווילנע און אַנדערע שטעט. עס איז ניט פאַראַן קיין שום באַגלויבטע ידיעה וועגן אַ מאַסן-קאָלאָניזאַציע פון פּאָליאַקן. די ליטווישע געזעצגעבונג (ליטווישער סטאַטוט) האָט ניט באַגינסטיקט די עמיגראַציע אין ליטע פון פרעמדע און באַזונדערס פון פּאָליאַקן, וואָס האָבן ניט געטאָרט ניט קויפן ערד, ניט פאַרנעמען עפנטלעכע שטעלעס, איבעריקנס אין סתירה מיט די אַקטן פון דער אוניע.

די געדיכטע באַפעלקערונג פון ווילנער קאַנט באַנוצט נאָך ביז אויף היינטיקן טאָג אין טעגלעכן געברויך די ליטווישע שפּראַך אויף אַ פּאַס פון דער טעריטאָריע, וואָס הייבט זיך אָן צו צפון פון ווילנע אין פּאָסטאַווו, ציט זיך דורך סווענציאַן, יאַנישקי, מייישיגאָלע, יעוויע און גייט צו דרום-צו דורך אָלקעניק, איישישאָק, בעניאַקאָן, דעווענישאָק און לאַסדון (אָשמענער קרייז). נאָר אַחוץ דעם געביט, ווערט נאָך ליטוויש באַנוצט אין פאַרשיידענע אַנדערע ערטער.

לויט די ערשטע סטאַטיסטישע ידיעות איבער דער באַפעלקערונג פון ווילנער גובערניע פון שטאַנדפּונקט פון דער שפּראַך פון די יאָרן 1856—1863, זיינען פאַראַן אין ווילנער קאַנט — קאַטוילן און פּראַוואָסלאַוונע 757.954, ליטווינער, סיי קאַטוילן און סיי פּראַוואָסלאַוונע 55,2 פּראָצענט, פּראַוואָסלאַוונע ליטווינער 3,6 פּראָצענט, פּאָליאַקן 20,3 פּראָצענט, ווייסרוסן 22,3 פּראָצענט, קליין- און גרויס-רוסן 2 פּראָצענט.

אַראָפּרעכענענדיק די קרייזן, וואָס ליגן אויסער די גרעניצן, וואָס זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן דורכן רוסיש-ליטווישן אָפּמאַך

פון 12־טן יולי 1920, באַקומען זיך פאָלגנדיקע ציפערן: אַלגעמיינע באַפעלקערונג קאַטוילן און פּראַוואָסלאַוונע 544,191, ליטווינער פּראַוואָסלאַוונע און קאַטוילן 69,7 פּראָצ., פּראַוואָסלאַוונע ליטווינער 4,6 פּראָצ., פּאָליאַקן 16,2, ווייס־רוסן 11,9, קליין־ און גרויס־רוסן 1,9 פּראָצ.

לויט דער פאָלקס־ציילונג פון יאָר 1897, דער איינציקער, וואָס איז געוואָרן אויסגעפירט אויף אַ וויסנשאַפטלעכן יסוד, זיינען אין גאַנץ ווילנער גובערניע געווען 1,591,20 אַיינוואוינער, בתוכם גרויס־רוסן 4,94 פּראָצ., קליין־רוסן 0,06, ווייס־רוסן 56,05, פּאָליאַקן 8,17, ליטווינער 17,59, דייטשן 0,24, יידן 12,72, אַנדערע 0,23.

**שטאָט ווילנע.** 154,532 אַיינוואוינער, אין דעם מיליטער 9,3 פּראָצ., גרויס־רוסן 20,2, קליין־רוסן 0,3, ווייס־רוסן 4,2, פּאָליאַקן 30,9, ליטווינער 2, דייטשן 1,1, יידן 40,3, אַנדערע 1 פּראָצ.

ווילנער קרייז אָן דער שטאָט—אַיינוואוינער 208,781, גרויס־רוסן 3,3 פּראָצ. קליין־רוסן 0 פּראָצ., ווייס־רוסן 42, פּאָליאַקן 12,1, ליטווינער 35, דייטשן 0,2, יידן 7,4.

**דיסנער קרייז.** 204,923 אַיינוואוינער, גרויס־רוסן 5,9, קליין־רוסן 0 פּראָצ., ווייס־רוסן 81,2, פּאָליאַקן 2,4, ליטווינער 0,3, דייטשן 0,1, יידן 10,1.

**לידער קרייז.** 205,767 אַיינוואוינער, מיליטער 0,9, גרויס־רוסן 1,2, קליין־רוסן 0 פּראָצ., ווייס־רוסן 73,2, פּאָליאַקן 4,6, ליטווינער 8,7, דייטשן 0 פּראָצ., יידן 12,2, אַנדערע 0,1.

**אָשמענער קרייז.** 233,559 אַיינוו. אַרמיי 0,2, גרויס־רוסן 2,3, קליין־רוסן 0 פּראָצ., ווייס־רוסן 80,1 פּראָצ., פּאָליאַקן 1,7, ליטווינער 3,8, דייטשן גאָרניט, יידן 12,1, אַנדערע 0,1.

**סווענציאַנער קרייז.** 172,231 אַיינוואוינער, גרויס־רוסן 5,4, קליין־רוסן גאָרניט, ווייס־רוסן 47,6, פּאָליאַקן 6, ליטווינער 33,8, דייטשן גאָרניט, יידן 7,1, אַנדערע 0,1.

**טראָקער קרייז.** 203,401 אַיינוואוינער, מיליטער 1,6, גרויס־רוסן 4,6, קליין־רוסן 0,1, ווייס־רוסן 15,8, פּאָליאַקן 11,2, ליטווינער 58,1, דייטשן 0,2, יידן 9,5, אַנדערע 0,5.

**ווילייקער קרייז.** 208,013 אַיינוואוינער, גרויס־רוסן 0,9, קליין־רוסן גאָרניט, ווייס־רוסן 87 פּראָצ., פּאָליאַקן 2,5, ליטווינער גאָרניט, דייטשן גאָרניט, יידן 9,5, אַנדערע 0,1.

אַרויסנעמענדיק די קרייזן, וואָס ליגן מחוץ די גרעניצן, וואָס זיינען פעסטגעשטעלט דורכן רוסיש־ליטווישן אָפּמאַך פון 12־טן יולי 1920, באַקומען מיר, לויטן מעמאָראַנדום, פאָלגנדיקע ציפערן פאַר ווילנער גובערניע אָן דיסנער און ווילייקער קרייזן:

סך־הכל 1,178,307 אַיינוואוינער, גרויס־רוסן 5,4, קליין־רוסן גאָרניט, ווייס־רוסן 46,1, פּאָליאַקן 10, ליטווינער 23,6, דייטשן גאָרניט, יידן 13,7, אַנדערע 1,2.

לויט די ידיעות פון דער רוסישער פאָלקס־ציילונג פון יאָר 1897, האָט די אַלגעמיינע צאָל פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג אין די 5 קרייזן באַטראָפן 714,061 אַיינוואוינער. פון דעם פּאָליאַקן 3,2 פּראָצ. ווייס־רוסן 54, רוסן 1,4, ליטווינער 32,6, יידן 7,1.

ה׳ **דמאָווסקי** אַליין, אין זיין ווערק „די פּוילישע פּראַגע״ פּאַריז, 1909, זייט 37, שאַצט ניט מער ווי 25 פּראָצ. די צאָל פון אַיינוואוינער פון ווילנער פּראָווינץ, וואָס ריידן פּויליש.

3) **דער ווילן פון דער באַפעלקערונג.** די שטעלונג פון דער באַפעלקערונג, איבערהויפּט פון דער, וואָס רעדט ניט פּויליש, האָט זיך אויסגעדריקט פיל מאָל אין דעם



זין, אַז ווילנע און איר געביט דאַרף פאַראייניקט ווערן צו ליטע. באַזונדערס האָט זיך עס אויסגעדריקט אין דער עפּאָכע פון די צוגרייטונגען צו די וואַלן פון סיים, וואָס איז געווען פּראָיעקטירט דורך גען. זשעליגאָווסקי. די ליטווישע, יידישע און ווייס־רוסישע באַפעלקערונג, פאַרשטייענדיק דעם ציל פון די וואַלן, האָבן זיך אַנטזאַגט אָנטיילצונעמען אין זיי.

4) **עקאָנאָמישע מאָטיוון.** כמעט די גאַנצע ליטווישע טעריטאָריע ליגט אין **ניעמאַנער** באַסיין, און אַדאַנק דעם בילדעט זי פון געאָגראַפישן און עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט אָן שום ספק אַ אומטיילעוודיקע איינהייט. ווען מען זאָל אַרויסנעמען וועלכן עס איז ראַיאָן פון דער גאַנצער סיסטעם, וועט עס גלייך אַרויסרופן אַ חורבן אי אין דעם ראַיאָן, אי אין אַלע איבעריקע.

פון שטאַנדפּונקט פון עקספּלואַטאַציע פון די ליטווישע אייזנבאַנען, איז ווילנע דער הויפּטצענטער פון קאַנט.

אויב מען וועט צעטיילן דעם באַסיין פון ניעמאַן, ד. ה. ליטע, אויף 2 טיילן, וועט עס האָבן אַ קלאָגעדיקן אַיינפלוס אויף דער עקספּלואַטאַציע פון די באַנען, און ממילא אויף גאַנצן עקאָנאָמישן לעבן.

ווילנע איז די הויפּטשטאָט פון ניעמאַנער באַסיין. זי איז שטענדיק געווען אַ וויכטיקער עקאָנאָמישער צענטער פון דעם דאָזיקן קאַנט, די אַנטוויקלונג פון וועלכן האָט געהאַט אַ דירעקטן אַיינפלוס אויפן וואוקס פון דער שטאָט. אָט פאַרוואָס ווילנע איז פון עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט אַ אָרגאַנישער אינטעגראַלער טייל פון ניעמאַנער באַסיין, ד. ה. פון ליטע.

ווען מען זאָל צעטיילן די ליטווישע טעריטאָריע, וואָס ליגט אין ניעמאַנער באַסיין, וואָלט עס געהייסן צעשניידן אַ לעבעדיקן עקאָנאָמישן אָרגאַניזם, וואָס זיין הונדערטיעריקע טעטיקייט האָט פעסט באַוויזן זיין איינהייט און נוצלעכקייט. ווען מען זאָל אַמפּוטירן דעם דרום־טייל פון באַסיין, אונטערן אויסרייד, אַז ער איז צום וייטסטן פון ים, און פאַראייניקן אים קעגן דער שטים פון דער לאָגיק צו פּוילן, אַזוי ווי דאָס פאַרלאַנגט די היינטיקע וואַרשעווער רעגירונג, וואָלט עס געבראַכט צו אַ פולשטענדיקן חורבן פון גאַנצן צעטיילטן קאַנט.

די שטאָט ווילנע, אַרויסגעריסן אויף אַזאַ אופן פון ליטע און פאַראייניקט צו פּוילן, וואָלט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קליינער פּראָווינציעלער שטאָט, ווייט פון צענטער פון פּוילן, און איר האַנדל און אינדוסטריע וואָלט איינגיכן אונטערגעגאַנגען. אין פאַל פון פאַראייניקונג צו פּוילן, וואָלט ווילנע אָנשטאָט אויפצובליען, געוואָרן אַ טויטע שטאָט.

אַז דאָס, וואָס מיר זאָגן פאָרויס איז ריכטיק, באַווייזט די לאַגע פון דרום־טייל פון ליטע און פון ווילנע צייט דער פּוילישער אָקופּאַציע. דער האַנדל איז כמעט אינגאַנצן פאַרשוואונדן. די אינדוסטריע האָט זיך פולשטענדיק אָפּגעשטעלט. דער פּרייז פון ערד און אומבאַוועגלעכע גיטער איז געוואַלטיק געפאַלן. אַ פולשטענדיקער שטילשטאַנד אין די געשעפטן. אַ שטאַרקע אַרבעטסלאָזיקייט.

פון די 180,000 אַיינוואוינער פון דער שטאָט, געפינען זיך כמעט 30,000 אין די אינטערנאַטן. די באַפעלקערונג ווערט אויס פון ווילנע קיין קאָוונע. די שטאָט איז ניט פעאיק צו דעקן די הוצאות. די פּוילישע רעגירונג איז געצוואונגען צו געבן אומגעהייערע סומען צו דעקן דעם דעפיציט פון ווילנער ביודזשעט און העלפן די 30,000 אַיינוואוינער, וואָס געפינען זיך אין גרויס עלנט, אַלץ מיטן צוועק צו שאַפן „טענדענצן און סימפּאַטיעס פאַר פּוילן".

צוליב דעם באַדייטנדן שטח, וואָס טיילט אָפּ ווילנע פון פּוילן, זיינען אַזעלכע פּראָדוקטן, ווי זאַלץ, צוקער און אַנד. וואָס פעלן ניט אין פּוילן, אַ סך טייערער אין ווילנע ווי אין קאָוונע,

טראָץ דעם אויסערגעוויינלעך נידעריקן קורס פון פאַרשיידענע טיפּן פּוילישע מאַרקן.

וואָס איז שייך לעבנסמיטלען, געפינט זיך די ווילנער טעריטאָריע, אָפּגעטיילט פון ליטע אַדאַנק דער פּוילישער אָקופּאַציע, אין זייער אַ טרויעריקער לאַגע. דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון דעם אָקופּירטן טייל פון ליטע איז פּאַראַליזירט, ווייל צוליב זיין געאָגראַפישער לאַגע קען ער עקסיסטירן נאָר זייענדיק פאַרבונדן מיטן ים, פון וועלכן עס טיילט אים היינט אָפּ די פּוילישע אָקופּאַציע און פון וועלכן די וואַרשעווער רעגירונג וויל אים אויף אייביק אָפּטיילן.

אויף גאַלוואַנאַוסקאַסעס טענות האָט אַשכּנזי געענטפערט מיט אַ מעמאָראַנדום, וואָס פרעגט אָפּ די רעכט פון ליטע אויף ווילנער קאַנט:

אַשכּנזי ווייזט צוערשט אָן דערויף, אַז גאַלוואַנאַוסקאַס מישט צונויף 2 באַגריפן: היסטאָרישע און עטנאָגראַפישע ליטע. די ליטווינער האָבן שטענדיק געבילדעט נאָר אַ אומבאַדייטנדן טייל פון דער באַפעלקערונג פון דער אַמאָליקער היסטאָרישער ליטע און ניט האָבנדיק ניט קיין סוחרים־שטאַנד, ניט קיין בעלי־מלאכות האָבן זיי ניט געשפּילט קיין שום ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט ווילנע, וואו עס האָבן געוואוינט ווייס־רוסן, דייטשן, איינגעוואַנדערטע פּאָליאַקן און יידן. די הויפּטשטאָט פון דער עטנאָגראַפישער ליטע איז קיינמאָל ניט געווען ווילנע, נאָר טראָק.

וואָס איז שייך די סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן, וואָס גאַלוואַנאַוסקאַס האָט געבראַכט, זאָגט אַשכּנזי, אַז זיי האָבן ניט קיין שום וויסנשאַפטלעכן יסוד און זיי זיינען טענדענציעז, אַדאַנק די רוסיפיקאַטאָרישע צילן פון דער רוסישער רעגירונג. אַשכּנזי באַהויפּט, אַז די צאָל ליטווינער איז דווקא ריכטיק אָנגעגעבן, ווייל די ליטווינער טיילן זיך דייטלעך אויס פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג אַדאַנק זייער אייגנאַרטיקער שפּראַך. אַקעגן־זשע, די פּאָליאַקן און די ווייס־רוסן האָט די צאַרישע רעגירונג געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַררעכענען פאַר רוסן , ווייל זייער שפּראַך איז ענלעך צו רוסיש. אַשכּנזי שטיצט זיך אויף דער סטאַטיסטיק פון יאָר 1916 (דורכגעפירט דורך די דייטשן), וואָס האָט געגעבן 30 פּראָצ. פּאָליאַקן, און אויף דער סטאַטיסטיק פון 1919 (דורכגעפירט דורך די פּאָליאַקן), וואָס האָט געגעבן 63 פּראָצ. פּאָליאַקן (אַשכּנזי רעכנט אַראָפּ די טיילן פון טראָקער, ווילנער און סווענציאַנער קרייזן, וואָס ליגן פון יענער זייט דעמאַרק־ליניע און האָבן אַ גרעסערן פּראָצענט ליטווינער); אַזוי־אַרום באַקומט זיך אין די איבעריקע קרייזן פון מיטל־ליטע אַ גרעסערער פּראָצענט פּאָליאַקן. דעם גרויסן אונטערשייד אין דער צאָל פּאָליאַקן צווישן די פאַרשיידענע סטאַטיסטיקעס דערקלערט אַשכּנזי דערמיט, וואָס עס האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרשטאַרקט דאָס נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין פון די פּאָליאַקן און ענדלעך (אין יאָר 1919) האָבן זיי געהאַט די פולע מעגלעכקייט, זיך צו דעקלאַרירן צו דער פּוילישער נאַציאָנאַליטעט. אין שטאָט ווילנע זיינען לויט אַשכּנזיס ידיעות פאַראַן 56 פּראָצ. פּאָליאַקן און יידן נאָר 30 פּראָצ. ווי ווייט די דאָזיקע ידיעות זיינען ריכטיק, קען מען זען דערפון, וואָס אַפילו דער ווילנער ענדעקישער מאַגיסטראַט איז מודה, אַז אין ווילנע זיינען פאַראַן 36 פּראָצ. יידן.

באַזונדער אינטערעסאַנט זיינען אַשכּנזיס יורידישע מאָטיוון.

אין ריגער שלום־אָפּמאַך געפינט זיך אַ פּונקט, אַז פּוילן זאָגט זיך אָפּ פון וועלכע עס איז פּרעטענזיעס אויף די טעריטאָריעס, וואָס ליגן צו מזרח פון דער פּויליש־רוסישער גרעניץ, פעסטגעשטעלט דורכן ריגער אָפּמאַך. פּראָפּ. אַשכּנזי מאַכט דערפון אַזאַ פּשטל: אויב די ראַטנמאַכט האָט געפאָדערט, אַז פּוילן זאָל זיך אָנזאָגן פון די דאָזיקע טעריטאָריעס, הייסט עס, אַז פּוילן האָט





געהאַט אויף זיי רעכט, און אַזוי ווי די רעכט זיינען דיזעלבע, ווי אויף אַלע אַנדערע טעריטאָריעס, וואָס האָבן געהערט צו פּוילן פאַר דער ערשטער חלוקה פון פּוילן אין יאָר 1772, הייסט עס, אַז די ראַטנמאַכט האָט אָנערקענט די רעכט פון פּוילן אויף אַלע טעריטאָריעס, וואָס האָבן געהערט צו איר פאַרן יאָר 1772.

אויף אַזאַ אופן, דרינגט ווייטער אַשכּנזי, האָט פּוילן רעכט ניט נאָר אויף ווילנע, נאָר אויך אויף קאָוונע. פונדעסטוועגן שטעלט פּוילן ניט אַרויס קיין טענות אויף קאָוונע, און אויב בנוגע ווילנע שטעלט זי אַרויס טענות, איז דאָס דערפאַר, וואָס ווילנער קאַנט האָט אַ פּוילישע מערהייט.

ווייטער טענהט אַשכּנזי, אַז די ווילנער באַפעלקערונג האָט זיך שוין אָן אַ שיעור מאָל אַרויסגעזאָגט, אַז זי וויל געהערן צו פּוילן. והא ראיה:

1) די ווילנער באַפעלקערונג האָט אין יאָר 1919 באַגריסט דעם אַריינמאַרש פון דעם פּוילישן מיליטער קיין ווילנע און אים געגעבן הילף;

2) די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט פרייוויליק צוגעשטעלט דער פּוילישער אַרמיי 2 דיוויזיעס, ד. ה. $^{1}/_{10}$ פון אַלע פּוילישע באַוואָפנטע קרעפטן.

3) אין ערשטן יאָר נאָכן פאַרנעמען ווילנע, האָט די אָרטיקע באַפעלקערונג צוגעשטעלט פרייוויליק דער פּוילישער רעגירונג טויזנטער פּעטיציעס, פאַרזען מיט הונדערטער טויזנטער חתימות, וואָס האָבן געפאָדערט צו פאַראייניקן ווילנע צו פּוילן.

4) אין יולי 1919 זיינען פאָרגעקומען אין ווילנער קאַנט וואַלן צו אַ נאַציאָנאַל־ראַט, וואָס האָט אויסגעקליבן אַ דעלעגאַציע צו פאָרן קיין פּאַריז, פאָדערן ביים העכסטן ראַט צו פאַראייניקן ווילנע מיט פּוילן.

5) אין מערץ 1920 איז אין ווילנע פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג פון ווילנער קאַנט. דער דאָזיקער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע צו פאַראייניקן ווילנער קאַנט צו פּוילן.

6) אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע אין יאָר 1920 האָט די באַפעלקערונג צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן געפירט אַ קאַמף קעגן די באָלשעוויקעס.

7) דער פאַקט, אַז ליטע האָט געוואָלט אַנעקסירן ווילנע, האָט אַרויסגערופן אַ אומצופרידנהייט צווישן דער באַפעלקערונג, און אַלס רעזולטאַט דערפון איז געווען זשעליגאָווסקיס אַקציע. דער אומשטאַנד, וואָס די ליטווישע אַרמיי האָט געמוזט אָפּטרעטן, באַווייזט, אַז די סימפּאַטיעס פון דער באַפעלקערונג זיינען געווען אויפן צד פון פּוילן.

8) ווען אין מערץ 1921 האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פּלעביסציט וועט ניט פאָרקומען, האָט זיך אָנגעהויבן אין גאַנצן קאַנט אַ פּראָטעסט־באַוועגונג. אויף פילצאָליקע מיטינגען און צוזאַמענפאָרן זיינען אָנגענומען געוואָרן רעזאָלוציעס וועגן אָנערקענען די זעלבסטבאַשטימונגסרעכט פון דער באַפעלקערונג.

9) די שטאָטראַטן פון ווילנער קאַנט מיט ווילנער שטאָטראַט בראש, ווי אויך די סיימיקעס פון גאַנצן קאַנט, האָבן זיך שוין אַ סך מאָל אַרויסגעזאָגט פאַר פאַראייניקן ווילנע צו פּוילן.

אַז די פּאָליאַקן האָבן ווילנע ניט געבויט, באַווייזט דאָס נאָך ניט, אַז ווילנע דאַרף געהערן צו ליטע, בפרט נאָך אַז אַשכּנזי האָט מיט רעכט אויפגעוויזן, אַז די ליטווינער, אַלס פּויערים־פאָלק, האָבן ווילנע ניט געקענט אויפבויען, וואָס ס׳באַווייזט אויך דער פאַקט, אַז ביי היינטיקן טאָג ציילן זיי 2,5 פּר. צ. אין שטאָט ווילנע. און ווען די ליטווינער וואָלטן אַפילו יאָ געבויט ווילנע מיט הונדערטער יאָרן צוריק, צי איז עס אַ מאָטיוו צו פאָדערן ווילנע אין 20־טן יאָרהונדערט? האָט דאָך אַשכּנזי ריכטיק אָנגעמערקט, אַז אויב אַזוי, דאַרף דאָך קראָקע, צום ביישפּיל,

געהערן צו די דייטשן. וואָס איז שייך די סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן, טענהן דאָך די ליטווינער אַליין, אַז אין ווילנער קאַנט איז אין פאַרלויף פון לעצטן יאָרהונדערט קיינמאָל ניט געווען מער ווי 32 פראָצ. ליטווינער, און אויב מען וועט אַראָפּנעמען די טיילן פון ווילנער, טראָקער און סווענציאַנער קרייזן, וואָס געהערן שוין לאַנג צו ליטע, באַקומט זיך דאָך אַ סך אַ קלענערער פּראָצ. ליטווינער.

דאָס זעלבע איז מיט אַשכּנזיס טענות. וואָלטן געווען ריכטיק די ידיעות, וואָס אַשכּנזי האָט צוגעשטעלט, אַז אין דער אַזוי־גערופענער מיטל־ליטע זיינען פאַראַן גאַנצע 63 פראָצ. פּאָליאַקן, וואָלט דאָך צווישן די פּוילישע פּאַרטייען אַליין ניט געווען און ניט געקענט זיין קיין צוויי מיינונגען, צו וועמען ווילנע דאַרף געהערן, אַזוי גוט ווי עס איז ניטאָ קיין צוויי מיינונגען וועגן אייבערשלעזיע, טראָץ דעם וואָס דער פּלעביסציט האָט באַוויזן אַ דייטשע מערהייט. קיינער אין פּוילן גלויבט אָבער ניט, אַז אין ווילנער קאַנט זיינען טאַקע פאַראַן אַזוי פיל פּאָליאַקן און מען ווייס גאַנץ גוט דעם ווערט פון סטאַטיסטישע ידיעות, וואָס ווערן געזאַמלט לשם פּאָליטיק. ווייסן מיר דאָך, אַז די פאַרשיידענע באַאַמטע נעמען זיך אַליין דאָס רעכט צו פאַררעכענען די אָדער יענע פּערזאָן צו דער אָדער יענער נאַציאָנאַליטעט, אַז די באַאַמטע אין ווילנע שרייבן אין די פּעסער: „מלוכה־צוגעהעריקייט — פּוילישע", הגם דער גורל פון ווילנע איז נאָך ניט באַשטימט. האָט דאָך דאָ ניט לאַנג דער באַרימטער פּוילישער גרייז־גרויער פּראָפעסאָר באָדוען דע־קורטענע, איינער פון די בעסטע מענטשן אין פּוילן, געשריבן, אַז די פּאָליאַקן פירן די זעלבע פּאָליטיק בנוגע די פרעמד־געבוירענע ווי די רוסן אין די אַלטע גוטע צייטן, ווען אין סובאַלקער גובערניע האָט מען אַזוי קונציק דורכגעפירט די פאָלקס־ציילונג, אַז 200,000 ליטווינער זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן און מ'האָט זיי פאַררעכנט פאַר רוסן אָדער פּאָליאַקן.

די מעשה איז, וואָס ביידע צדדים ספּעקולירן אויף דער פינסטערקייט און שוואַכן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין פון די ווייס־רוסישע פּויערים, וועלכע מישן צונויף דעם באַגריף „רעליגיע" מיט דער נאַציאָנאַליטעט, און ווייסן אַליין ניט, צו וועלכער נאַציע זיי געהערן. טראָצדעם האָבן סיי פּוילן סיי ליטע מורא פאַר אַ ערלעכן שטרייט, פאַר אַ ערלעכער פאָלקס־אָפּשטימונג און זוכן כּלערליי מיטלען, צו מאַכן פון דער פאָלקס־אָפּשטימונג אַ קאַריקאַטור. קיינער וועט דאָך ניט נעמען ערנסט אַשכּנזיס טענות, אַז ווילנע דאַרף געהערן צו פּוילן, ווייל די פּאָליאַקן האָבן באַגריסט די פּוילישע אַרמיי אָדער געהויבן די הענט אויף מיטינגען, ניט וויסנדיק אָפט אַפילו, פאַר וואָס זיי שטימען.

אַזוי צי אַזוי, אַשכּנזי האָט אַליין געוואוסט, אַז זיינע טענות זיינען ניט איבעריקס פעסט, און אויב ער האָט יאָ געמאַכט אַ אָנשטעל און ניט אָנגענומען גלייך הימאַנסעס פּראָיעקט, נאָר געשטעלט אַ תּנאי, אַז מען זאָל צולאָזן פאָרשטייער פון דער ווילנער באַפעלקערונג, איז עס ערשטנס דערפאַר, ווייל ער האָט ניט געוואָלט אַרויסווייזן פאַר ליטע זיין צופרידנהייט מיטן פּראָיעקט, און צווייטנס האָט ער און, דער עיקר, די וואַרשעווער רעגירונג, וועמען ער האָט רעפּרעזענטירט, מיטן פּויער וויטאָס בראש, ניט געוואָלט געבן קיין מאַטעריאַל פאַר אַגיטאַציע די ענדעקעס ביי די קומענדיקע סיים־וואַלן.

מיט די ליטווינער איז עפּעס אַנדערש. זיי האָבן געהאָפט אויף ענגלאַנד, אַז זי וועט מקיים זיין איר הבטחה און זיי אונטערטראָגן ווילנע. בכן צו וואָס דאַרפן זיי זיך פאַרדרייען אַ קאָפּ מיט פּוילן, בפרט נאָך אַז דעם 13־טן מאַי, אין דער צייט פון די בריסעלער אונטערהאַנדלונגען, איז ללאָיד דזשאָרדזש אַרויסגעטראָטן מיט אַ פייערדיקער רעדע, אין וועלכער ער האָט געשאָטן פעך און שוועבל אויף פּוילן, דעם אומדאַנקבאַרן קינד פון דער קאָאַליציע, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, און אויסגעזאָגט אַ סוד פון חדר, אַז לויטן אָפּמאַך פון ענגלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליע און אַמעריקע דאַרף ווילנע געהערן צו ליטע. האָט טאַקע גאַלוואַנאַוסקאַס גלייך נאָך דער ערקלערונג, אַז ער נעמט אָן הימאַנסעס פאָרשלאָג, אַלס אַ יסוד פאַר דיסקוסיע, צוגעשטעלט זיין אייגענעם פּראָיעקט, אין וועלכן עס רעדט זיך אַבסאָלוט ניט וועגן אַ קאַנטאָנאַלער סיסטעם, נאָר ליטע איז זיך בלויז מתחייב צו גאַראַנטירן די מינדערהייטס־רעכט פאַר די פּאָליאַקן (וועגן יידן און ווייסרוסן פאַרשווייגט דער ליטווישער פּראָיעקט דיפּלאָמאַטיש, פאַרגעסנדיק, אַז צוזאַמען בילדן זיי אַ מערהייט אין ווילנער קאַנט).

אַלס ענטפער אויף דעם דאָזיקן פּראָיעקט, האָט אַשכּנזי צוגעשיקט אַ נאָטע צו הימאַנסן, אין וועלכער, אָנווייזנדיק אויפן געוואַלטיקן אונטערשייד צווישן הימאַנסעס און גאַלוואַנאַוסקאַסעס פּראָיעקט, דריקט ער בכלל אויס אַ ספק, צי די ווייטערדיקע אונטערהאַנדלונגען האָבן וועלכן עס איז זין, אויב מען זאָל אַפילו צולאָזן פאָרשטייער פון ווילנער קאַנט.

פאָרמעל זיינען צוליב אַשכּנזיס פאָדערונג, צוצולאָזן פאָרשטייער פון ווילנער קאַנט, איבערגעריסן געוואָרן די פּויליש־ליטווישע אונטערהאַנדלונגען ביז דער זיצונג פון ראַט פון דער פעלקער־ליגע דעם 17־טן יוני. אויף וויפיל פּוילן האָט באמת זיך גערעכנט מיט דער ווילנער פאָרשטייערשאַפט, קען מען זען דערפון, וואָס אין אַ געשפּרעך מיט אַ ציידטונגס־מיטאַרבעטער האָט דער שעף פון דער מיטל־ליטווישער סעקציע אין פּוילישן מיניסטעריום פאַר אויסלענדישע ענינים גראַף קאָסאַקאָווסקי, ערקלערט, אַז „יורידיש האָט גען. זשעליגאָווסקי דאָס רעכט צו נאָמינירן פאָרשטייער" און פאָרן וועלן די, וואָס רעפּרעזענטירן די מערהייט (לייען: ענדעקעס), נאָר פונדעסטוועגן וועלן פאָרקומען וואַלן, אָבער קיין פינפאַכיקע וועלן עס ניט זיין. עס האָט זיך געהאַנדלט פּשוט אין דעם, אַז מען זאָל צונויפרופן אַ צוזאַמענפאָר פון די סיימיקעס (זעלבסטפאַרוואַלטונגען פון די קרייזן און שטאָטראַטן, זיי זאָלן זיך אַרויסזאָגן וועגן דער פּאָליטישער לאַגע פון ווילנע, און עווענטועל אויסטיילן אַ דעלעגאַציע קיין בריסעל.

בינו לבינו איז אָנגעקומען דער 28־טער יוני, ווען דער ראַט פון דער פעלקער־ליגע אין זשענעווע האָט אָנגענומען פאָלגנדיקע באַשלוסן וועגן פּויליש־ליטווישן סיכסוך. עס איז כּדאַי צו פאַרצייכענען, אַז די זיצונג איז פאָרגעקומען ביי פאַרמאַכטע טירן און די באַשלוסן האָבן אַקצעפּטירט אַלע אָנטיילנעמער, אַחוץ די דירעקט פאַראינטערעסירטע צדדים — פּוילן און ליטע.

1) די בריסעלער אונטערהאַנדלונגען ווערן באַנייט דעם 10־טן יולי. סיי פּוילן, סיי ליטע האָבן דאָס רעכט איינצולאַדן אויף דער זיצונג פון דער פעלקער־ליגע פאָרשטייער פון די נאַציאָנאַלע גרופּן, וועלכע קענען זיך אַרויסזאָגן מיטן צוועק צו באַקענען די פעלקער־ליגע מיט זייער שטאַנדפּונקט.

דער געשלאָסענער אָפּמאַך צווישן ביידע צדדים וועט באַשטעטיקט ווערן דורך וואַרשע, קאָוונע און ווילנע.

2) ביסלעכווייז ווערן באַזייטיקט פון זשעליגאָווסקיס אַרמיי אַלע עלעמענטן, וואָס שטאַמען ניט פון מיטל־ליטע. דאָס דאַרף זיך אָנהייבן דעם 8־טן יולי און פאַרענדיקט ווערן דעם 1־טן סעפּטעמבער.

3) עס ווערט אָרגאַניזירט אַ מיליציע, וואָס באַשטייט פון 5000 פוסגייער און 800 רייטער, אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָנטראָל־קאָמיסיע. געווער און אַמוניציע, וואָס שטייגן

איבער די באַדערפענישן פון דער מיליציע, ווערן אַרויסגעפירט פון דער מיטל=ליטווישער טעריטאָריע אין זעלבן טערמין.

4) די באַאַמטע, וואָס שטאַמען ניט פון שטרייט=געביט, ווערן אויך עוואַקואירט.

5) די ליטווישע אַרמיי דאַרף אָפטרעטן אויף דעם אָרט, וואו זי געפינט זיך אין שלום=צייט, זי דאַרף פאַרקלענערט ווערן אין צאָל אין באַשטימטן טערמין.

דער ראַט פון דער פעלקער=ליגע פאָדערט אויף ביידע צדדים צו באַנייען די קאָנסולאַרע באַציאונגען און צוריקשטעלן די באַן=קאָמוניקאַציע. די מיליטער=קאָמיסיע וועט האָבן אַ ווירקונג אויפן פעסטשטעלן די טערמינען פון באַנייען די קאָמוניקאַציע. די זעלבע קאָמיסיע וועט מיטהעלפן צו באַנייען די קאָמוניקאַציע צווישן ווילנע און קאָוונע ביזן 1=טן סעפטעמבער.

דער באַשלוס פון דער פעלקער=ליגע האָט ניט באַפרידיקט ניט ליטע, ניט פוילן. ליטע האָט ניט געקענט און ניט געוואָלט אַיינגיין, אַז דעם פויליש=ליטווישן אָפמאַך זאָל ראַטיפיצירן דער ווילנער סיים נאָך עטלעכע יאָר פון פוילישער אָקופּאַציע און בפרט נאָך, אַז לויטן זשענעווער באַשלוס האָט געדאַרפט פאַרבלייבן דיזעלבע פוילישע אַדמיניסטראַציע, נאָכן באַזייטיקן די עלעמענטן, וואָס שטאַמען ניט פון ווילנער קאַנט. זי האָט אויך געטענהט, אַז אויב זי דאַרף פאַרקלענערן און צוריקציען די אַרמיי פון גרעניץ, זאָל עס פוילן אויך טאָן. פוילן ווייטער איז אויך ניט געווען צופרידן פון זשענעווער באַשלוס, לויט וועלכן זי האָט שוין געדאַרפט צוטרעטן צו פאַרקלענערן זשעליגאָווסקיס אַרמיי און פאַרוואַנדלען זי אין אַ מיליציע, דערצו אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָנטראָל=קאָמיסיע פון דער פעלקער=ליגע. „מיר קענען און טאָרן עס ניט טאָן, האָבן געטענהט די פוילישע פּאָליטיקער און היסטעריקער, ליטע וועט עס גלייך אויסנוצן, כּדי צו פאַרכאַפּן מיט געווער אין האַנט ווילנע און אַזוי=אַרום שאַפן פון איר זייט אַ געשעענעם פאַקט". אַלע ווילנער פוילישע צייטונגען פלעגן טאָג=איין—טאָג=אויס אַרויסטרעטן מיט שאַרפע אַרטיקלען קעגן דער פעלקער=ליגע און קעגן אַנטוואָפענונג. „גאַזעטאַ ווילענסקאַ", אָרגאַן פון דער פוילישער „סטראַזש קרעסאָוואַ" (גרעניץ=שוץ), וואָס ווערט סובסידירט פון דער פוילישער מלוכה=קאַסע, האָט געפאָדערט, מען זאָל פשוט ניט אַריינלאָזן די קאָנטראָל=קאָמיסיע און איר געבן נאָך אַ ערגערן אָפּשניט ווי פּאָלק. שאַרדינין, דעם פאָרזיצער פון דער קאָנטראָל=קאָמיסיע (געוועזענעם אַדיוטאַנט פון רוסישן גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש און קעגנער פון פאַראייניקן ווילנע צו פוילן), ווען פוילישע סטודענטינס האָבן פאַרוואָרפן מיט אייער, ווייל ער האָט זיי ניט געוואָלט אויפנעמען און זיך געווענדט צו זיי אין רוסיש. די טעלעגראַפן=אַגענטור „איסט עקספרעס" האָט גלייך מיט דער ידיעה וועגן די זשענעווער באַשלוסן געבראַכט אַ צווייטע ידיעה פון קאָוונע, לויט וועלכער לאַסטאָווסקיס ווייסרוסישע פאָלקס=רעגירונג*) זאָל האָבן ערקלערט קריג זשעליגאָווקין.

דאָס אַלץ צוזאַמען מיט די איבערטריבענע ידיעות, וואָס די פאַרשיידענע טעלעגראַפן=אַגענטורן פלעגן ברענגען וועגן די מיליטערישע הכנות פון ביידע זייטן גרעניץ, האָט געשאַפן אין ווילנע פונקט ווי אין קאָוונע, אַ אָנגעשטרענגטע און נערוועזע שטימונג. מען האָט געוואַרט, וואָס פוילן וועט ענטפערן אויפן באַשלוס פון דער פעלקער=ליגע.

די פוילישע רעגירונג האָט אינגיכן געענטפערט מיט אַ צווידייטיקער נאָטע. פון איין זייט האָט זי באַטאָנט, אַז זי אַנטזאַגט זיך ניט פון אירע רעכט אויף ווילנער קאַנט, פון דער צווייטער האָט זי מסכּים געווען אָנצונעמען הימאַנסעס פּראָיעקט אַלס אַ יסוד פאַר אַ דיסקוסיע, כאָטש זי האָט גלייך צוגעגעבן, אַז דאָס הייסט נאָך ניט, אַז זי נעמט אָן דעם פּראָיעקט אינגאַנצן, אָדער זאָגאַר וועלכן עס איז פונקט פון אים. וואָס איז שייך דער עיקר דער פאָדערונג וועגן פאַרקלענערן זשעליגאָווסקיס אַרמיי, האָט זי זיך געווענדט צו זשעליגאָווסקין אַליין און אים געבעטן, אַז ער זאָל אויסאַרבעטן אַ פּלאַן, ווי אַזוי ביסלעכווייז צו באַזייטיקן פון דער אַרמיי און אַדמיניסטראַציע די פוילישע בירגער.

די ליטווישע רעגירונג דאַקעגן האָט געטענהט, אַז כּל=זמן פוילן פירט ניט אויס דעם סובאַלקער אָפּמאַך פון 8=טן אָקטאָבער, לויט וועלכן דאָס פוילישע מיליטער דאַרף פאַרלאָזן ווילנע, הייסט עס, אַז מען קען פוילן ניט טרויען און עס קען קיין רייד ניט זיין וועגן ווייטערדיקע אונטערהאַנדלונגען. הימאַנס האָט פון זיין זייט צוגעשיקט פוילן אַ נאָטע אין וועלכער ער פאָדערט זי נאָכאַמאָל אויף צו פאַרקלענערן זשעליגאָווסקיס אַרמיי און מאַכט דעם לעצטן פּרוב (כאָטש ער איז אַליין מודה, אַז קיין גרויסע האָפענונגען לייגט ער ניט אויף דעם), אַז די פוילישע און ליטווישע פאָרשטייער זאָלן זיך צונויפקומען נאָכאַמאָל אין זשענעווע אויפן 25=טן אַווגוסט.

*) עס האַנדלט זיך וועגן אַ פיקטיווער ווייסרוסישער רעגירונג, אונטערשטיצט דורך דייטשלאַנד און ליטע, וואָס האָט פּרעטענדירט אויף די ווייסרוסישע געביטן, וואָס פוילן האָט באַקומען לויטן ריגער אָפּמאַך, ווי אויך אויף יענע, וואָס זיינען פאַרבליבן אונטער דער סאָוועטישער הערשאַפט. איר זיצאָרט איז געווען קאָוונע.



## II.

סוף אַווגוסט זיינען זיך די פוילישע און ליטווישע פאָרשטייער ווידער צונויפגעקומען אין זשענעווע. טראָץ די ערוואַרטונגען, אַז די דעלעגאַציעס וועלן בלויז צוהעלפן הימאַנסן אויסצואַרבעטן אַ באַריכט פאַר דער פעלקער=ליגע און וועלן זיך פונאַנדערפאָרן, האָבן זיך אויפדאָסנייַ אָנגעהויבן די אונטערהאַנדלונגען ניט דירעקט צווישן פוילן און ליטע, נאָר צווישן הימאַנסן און די צדדים. אַזוי=אַרום האָט הימאַנס געוואָלט זאָנדירן דעם באָדן און שאַפן אַ שטימונג פאַר אַ נייעם פראָיעקט, שוין אַ מער גינסטיקן פאַר ליטע. די נייע ווענדונג לטובת ליטע לאָזט זיך אָן שום ספק דערקלערן מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע, וואָס האָט זיך זינט דעם לעצטן באַשלוס פון דער פעלקער=ליגע געענדערט צום שאָדן פון פוילן. אין דער אייבערשלעזישער פראַגע, וואָס איז אָנהייב אַווגוסט באַטראַכט געוואָרן אויף דער זיצונג פון העכסטן ראַט אין פאַריז, ווי אין אַ גאַנצער ריי אַנדערע פראַגן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פראַנקרייך איז פולשטענדיק איזאָלירט, ממילא האָט זי זיך שוין ניט געוואָלט צו פיל אַיינשטעלן פאַר פוילן. לויטן באַשלוס פון זעלבן העכסטן ראַט פון 10=טן אַווגוסט איז ענין אייבערשלעזיע אויך איבערגעגעבן געוואָרן דעם ראַט פון דער פעלקער=ליגע, און דאָס האָט נאָך מער פאַרערגערט פוילנס לאַגע, ווייל אייבערשלעזיע, וואָס איז רייך אין שטיינקוילן און איז אינדוסטריעל זייער הויך אַנטוויקלט, איז פאַר פוילן אַ סך וויכטיקער ווי ווילנע. דעריבער האָט פוילן געמוזט אַרויסווייזן אַ געוויסע נאָכגעביקייט אין דער ווילנער פראַגע, כדי ניט צו פאַרשפילן אייבערשלעזיע. דערויף האָט, וואַרשיינלעך, שפעקולירט הימאַנס און צוגרייטנדיק דעם באָדן דורך עטלעכע קאָנפערענצן מיט די פוילישע און ליטווישע פאָרשטייער, האָט ער זיי דעם 3=טן סעפטעמבער צוגעשטעלט זיין נייעם פראָיעקט, פאָדערנדיק מען זאָל אים אָננעמען אָן דיסקוסיעס אַן בלאָק.

דער הויפט=אונטערשייד צווישן ערשטן און צווייטן פראָיעקט באַשטייט אין דעם, וואָס לויטן ערשטן איז ליטע אַ פעדעראַטיווע מלוכה, אין וועלכער ווילנער קאַנטאָן האָט דיזעלבע רעכט ווי קאָוונער, דאַקעגן=זשע, אין צווייטן פראָיעקט בילדעט ווילנער קאַנט מיט ווילנע אַלס הויפטשטאָט פון דער ליטווישער מלוכה אַן אַווטאָנאָמישן קאַנטאָן, קאָנסטרואירט לויטן מוסטער פון די שווייצאַרישע קאַנטאָנען, מיטן רעכט אַליין צו באַשטימען זיינע קאַנטאָנאַלע באַאַמטע. די גרעניצן צווישן ליטע און פוילן זיינען געגוי דיזעלבע ווי לויטן אַלטן פראָיעקט. די גרעניצן צווישן ווילנער קאַנטאָן און קאָוונער וועלן זיך באַקומען, אויב מען וועט טיילן דעם היינטיקן נייטראַלן פאַס אויף כמעט צוויי גלייכע טיילן אַרום געדראָוויץ און שירווינט. דערביי געהערט די אייזנבאַן ווילנע--אָראַן דעם ווילנער קאַנטאָן.

דער פונקט וועגן אַ מיליטערישער קאָנווענץ מיט אַ פאַרטיידיקונגס=כאַראַקטער איז געבליבן ניט געענדערט. דאָס זעלבע וועגן בילדן אַ געמיינזאַמען ראַט פון ליטע און פוילן פאַר אויסלענדישער פאָליטיק אין פראַגן, וואָס גייען אָן ביידע מלוכות, וועגן צוויי אָפיציעלע שפראַכן — פויליש און ליטוויש, וועגן די רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וועלכע עס ווערן געגעבן די ברייטסטע גאַראַנטיעס אויפן געביט פון אונטערריכט, רעליגיע, שפראַך און רעכט צו בילדן פאַרבאַנדן.

עס ווערט אויך געזאָגט, אַז דאָס גאַנצע אָקופאַציע=מיליטער ווי אויך די באַאַמטע, וואָס שטאַמען ניט פון ווילנער קאַנט, דאַרפן שנעל עוואַקואירט ווערן. די ליטווישע רעגירונג טראָגט זיך איבער קיין ווילנע ערשט נאָכן דורכפירן וואַלן צום ווילנער



קאַנטאָן, ווי אויך צו די זעלבסטפאַרוואַלטונגס=אָרגאַנען און צום צענטראַלן ליטווישן סיים.

איין פונקט איז דערביי ניט קלאָר: עס ווערט געזאָגט, אַז נאָכן ראַטיפיצירן דעם אָפמאַך דורך פוילן און ליטע, דאַרף ער צוגעשטעלט ווערן דער לעגאַלער פאָרשטייערשאַפט פון ווילנער קאַנט. דער באַשלוס פון דער דאָזיקער פאָרשטייערשאַפט ווערט תיכף מיטגעטיילט דירעקט דעם ראַט פון דער פעלקער=ליגע. עס שווימט אַלזאָ ממילא אַרויף די פראַגע, וואָס איז עס פאַר אַ „לעגאַלע פאָרשטייערשאַפט", ווען ווערט זי געקליבן, ווער פירט אָן מיט די וואַלן און אויף וועלכע יסודות. און וואָס וועט זיין אין פאַל אויב די פאָרשטייערשאַפט וועט אָפוואַרפן דעם פויליש=ליטווישע אָפמאַך? אַז די דאָזיקע פאָרשטייערשאַפט איז ניט די שטענדיקע ווילנער קאַנטאָנאַלע פאָרשטייערשאַפט, באַווייזט אַן אַנדער שטעלע פון פראָיעקט, וואו עס ווערט געזאָגט, אַז דער ווילנער קאַנטאָן ווערט אָרגאַניזירט אין אַ טערמין ניט שפעטער פון 6 חדשים נאָכדעם, ווי דער פויליש=ליטווישער אָפמאַך גייט אַריין אין קראַפט, אָנגענומען דורך דער ווילנער פאָרשטייערשאַפט. ביז יענעם טערמין דאַרף די אָרדענונג אָפגעהיט ווערן דורך אַ אָרטיקער פאָליציי—דורך גלייכע אין צאָל פוילישע און ליטווישע קאָנטיגענטן, וואָס פאַרנעמען פאָראויס באַשטימטע סעקטאָרן.

איין פונקט געפינט זיך אין נייעם הימאַנסעס פראָיעקט, וואָס רירט פשוט אָן די סובערעניטעט פון פוילן און ליטע. איז דער צייט ווען אין ערשטן פראָיעקט ווערט געזאָגט: „אין פאַל אויב צווישן ביידע לענדער וועט קומען צו אַ מיספאַרשטייעניש בנוגע דער אויסטייטשונג פון אויבנדערמאָנטן אָפמאַך, זיינען זיי מחויב זיך צו אונטערוואַרפן דעם באַשלוס פון אַ בורר, וואָס די פעלקער=ליגע וועט באַשטימען אין הסכם מיט ביידע צדדים",— איז אין צווייטן פראָיעקט צוגעגעבן נאָך אַ פונקט: „דער ראַט פון דער פעלקער=ליגע באַשטימט זיין פאָרשטייער, וואָס באַקומט אַ פאַראָרדענונג אויסצוטייטשן דעם אָפמאַך און אַכטונג געבן, אַז מען זאָל אים אויספירן. אויב פוילן און ליטע וועלן אין דער צוקונפט וועלן מאַכן געוויסע ענדערונגען אין אָפמאַך, דאַרפן זיי וועגן דעם מעלדן דעם ראַט פון דער פעלקער=ליגע".

וואָס איז שייך מעמעל, דאַרף זי לויטן פראָיעקט געהערן צו ליטע, פוילן וועט נאָר האָבן דאָס רעכט זיך צו באַנוצן מיטן פאָרט ווי אויך מיטן ניעמאַן פאַר אַלערליי טראַנספאָרטן, אויך מיליטערישע, און איבערהויפט טראַנזיט=רעכט דורך גאַנץ ליטע און אַ צוטריט צום ים.

דערביי האָט הימאַנס געגעבן די צדדים אַ טערמין ביזן 12=טן סעפטעמבער, אַז זיי זאָלן ענטפערן, דראָענדיק אין פאַל פון אַ אָפזאָג, איבערצוגעבן דעם ענין דעם ראַט פון דער פעלקער=ליגע.

ליטע האָט דעם 12=טן סעפטעמבער געענטפערט:

הימאַנסעס איצטיקן פראָיעקט קאָן זי ניט אָננעמען, ווייל ער פאַרבינדט ליטע צו שטאַרק מיט פוילן און פאַרמינערט די סובערעניטעט פון דער ליטווישער מלוכה.

ליטע איז גרייט אפילו צו שליסן אַ בונד מיט פוילן, אָבער נאָר ווי אַ פולקום גלייכער צד. די ליטווישע מלוכה דאַרף אַרייננעמען, אַחוץ די געביטן, וואָס הימאַנסעס פראָיעקט זעט פאָרויס, אויך די שטאָט גראָדנע און סיינער און פונסקער קרייזן.

ווילנער קאַנט איז ליטע גרייט צו געבן אַן אַווטאָנאָמיע, אָבער ניט אין דער פאָרם פון אַ זעלבשטענדיקן קאַנטאָן מיט אַן אייגענער אַרמיי. דער ווילנער קאַנט וועט האָבן אַן אייגענעם סיים,

וואָס וועט האָבן צו זאָגן איבער די פראַגן פון שפּראַך, בילדונג, רעליגיע, אָרטיקער אַדמיניסטראַציע און אַנדערע פראַגן, וואָס דער אַל=ליטווישער סיים וועט אים איבערגעבן. די באַאַמטע פון דער ווילנער טעריטאָריע ווערן, ווי ווייט מעגלעך, געקליבן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. די באַפעלקערונג פון ווילנער קאַנט שיקט דעפּוטאַטן אין אַל=ליטווישן סיים אויפן זעלבן גרונד, ווי די באַפעלקערונג פון די איבעריקע טיילן פון ליטע. זיי האָבן שטימרעכט אין אַלע פראַגן אַחוץ די, וואָס זיינען שייך צו זייער אַווטאָנאָמן סיים. אין דער ווילנער טעריטאָריע קאָנען אַחוץ ליטוויש, אויך פויליש אָנערקענט ווערן פאַר מלוכה=שפּראַכן לויט דער באַשטימונג פון ווילנער סיים. בכלל ווערן פאַר אַלע נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן אין ליטע גאַראַנטירט ברייטע רעכט אויפן געביט פון בילדונג, רעליגיע, שפּראַך און רעכט פון פאַרבאַנדן.

וואָס איז שייך צו די באַציאונגען צו פוילן, ווערט איינגעשטעלט אַ ליטוויש=פּוילישער סעקרעטאַריאַט פאַר דער אויסלענדישער פּאָליטיק אויף פּאַריטעטע יסודות. ער גרייט צו די פראַגן, וואָס דאַרפן באַטראַכט ווערן אויף די פּעריאָדישע געמיינזאַמע קאָנפערענצן.

בנוגע דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק איז ליטע מסכים צו שליסן אַ עקאָנאָמישע קאָנווענץ, וואָס זאָל גיין ווייטער פון פּרינציפּ פון דער צום מייסטן פּריווילעגירטער נאַציע, ביידע צדדים דאַרפן צושטעלן אַ פּרעלימינאַרן פּראָיעקט וועגן אַ עקאָנאָמישער התקרבות אויפן גרונד פון אַפרייען קעגנזייטיקן אימפּאָרט פון די יעניקע סחורות, וואָס זיינען נייטיק דער אָדער יענער מלוכה. זיי זיינען אָבער ניט מחוייב אָנצונעמען די זעלבע צאָל=פּאָליטיק בנוגע אַנדערע מלוכות. עס וועט אויך אויסגעפאָרשט ווערן די מעגלעכקייט פון אַ דערנענטערונג בנוגע אַ מאָנעטאַרער סיסטעם.

עס וועט געשאַפן ווערן אַ בשותּפותדיקער עקאָנאָמישער ראַט פון 6 מיטגלידער, צו 3 פון איטליכן צד, וואָס זאָל אויספאָרשן אַלע עקאָנאָמישע פראַגן מיט אַ געמיינזאַמן אינטערעס. ער וועט צושטעלן ביידע מלוכות אַ בשותּפותדיקן באַריכט.

ליטע לאָזט פוילן אַ פרייען צוטריט צום ים. ביידע לענדער גאַראַנטירן זיך קעגנזייטיק אַ פרייען טראַנזיט. בעת אַ מלחמה אָבער, ווען ליטע בלייבט נייטראַל, טאָר פוילן דורך דער ליטווישער טעריטאָריע ניט פירן קיין קריגס=מאַטעריאַל.

שטרייט=פאַלן צווישן ביידע מלוכות ביים אויסטייטשן דעם אָפּמאַך ווערן איבערגעגעבן צום אינטערנאַציאָנאַלן געריכט.

דער פוילישער ענטפער אויף היםמאַנסעס פּראָיעקט איז איבערגעגעבן געוואָרן הימאַנסן דעם 13=טן סעפּטעמבער, דאָרטן ווערט געזאָגט: 1) נעמענדיק אין אַכט, אַז די פּוילישע רעגירונג האָט אין איר נאָטע פון 15=טן יולי אָנגענומען די רעזאָלוציע פון דער פעלקער=ליגע, וואָס אַקצעפּטירט אַייער פּראָיעקט אַלס יסוד פאַר דיסקוסיע, און רעכענענדיק, אַז די רעזאָלוציע בלייבט אין קראַפט, זעט די פּוילישע רעגירונג ניט קיין שום סיבה צו ענדערן איר שטעלונג; 2) אויפן סמך פון אויבנדערמאָנטן איז די פּוילישע רעגירונג גרייט, ווי זי האָט שוין ערקלערט דעם 15=טן יולי, צו באַנייען די דירעקטע אונטערהאַנדלונגען מיט ליטע אויף די יסודות פון אַייער פ ר י ע ר ד י ק ן פּראָיעקט, אין הסכּם מיט דער אויבנדערמאָנטער רעזאָלוציע פון דער פעלקער=ליגע, נאַטירלעך אויב די ליטווישע רעגירונג וועט צוריקציען איר אָפּזאָג פון 24=טן יולי אָנצונעמען די אויבנדערמאָנטע רעזאָלוציע, ווי אויך אויב זי וועט ענדערן איר באַציאונג צו דער פוילישער באַפעלקערונג אין ליטע. 3) אַזוי ווי עס זיינען ניט פאַרהאַן קיין שום סיבות איבערצוגיין צו דער טאָג=אָרדענונג איבער דער אויבנדערמאָנטער רעזאָלוציע פון דער פעלקער=ליגע, האַלט די פּוילישע רעגירונג, אַז עס זיינען אויך ניט פאַרהאַן קיין שום סיבות, אַז זי זאָל זיך דאַרפן אַרויסזאָגן איבער דעם נייעם פּראָיעקט און איבער דער נייער מעטאָדע, וואָס ווערט פאָרגעלייגט צו אָננעמען דעם פּראָיעקט אַן בלאָק (ניט פּונקטנווייז).

אַזוי אַרום איז דער ווילנער סיכסוך ווידער איבערגעגאַנגען צום ראַט פון דער פעלקער=ליגע. אינטערעסאַנט איז, אַז דאָסמאָל זיינען שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן פוילן און געפאָדערט, אַז גענ. זשעליגאָווסקי זאָל צוריקגעצויגן ווערן, ניט נאָר די ענגלישע פאָרשטייער — באַלפור און לאָרד סעסיל, נאָר אויך בורזשואַ, דער פראַנצויזישער פאָרשטייער.

דער ראַט פון דער פעלקער=ליגע, וואָס איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון ענגלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליע, יאַפּאַניע, בעלגיע, כינע, בראַזיליע און שפּאַניע, האָט דעם 20=טן סעפּטעמבער אַיינשטימיק אָנגענומען פאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

„נעמענדיק אין אַכט די פריערדיקע אונטערהאַנדלונגען, די רעזאָלוציעס און די ערקלערונגען פון ביידע צדדים, נעמענדיק אין אַכט, אַז ביידע צדדים האָבן אָנגענומען הימאַנסעס ערשטן פּראָיעקט, פון וועלכן דער צווייטער אונטערשיידט זיך נאָר אין די פּרטים פון ערשטן, און ביידע פּראָיעקטן זעען פאָראויס די אָרגאַניזירונג פון ווילנע אַלס אַווטאָנאָמער קאַנטאָן אין די ראַמען פון דער ליטווישער מלוכה, ווי אויך די התקרבות צווישן פוילן און ליטע אויפן פּאָליטישן, מיליטערישן און עקאָנאָמישן געביט; נעמענדיק אין אַכט, אַז מיט די דאָזיקע פּרינציפּן האָבן אין גרונד מסכּים געווען ביידע צדדים (דער ליטווישער ענטפער פון 27=טן מאַי און 12=טן סעפּטעמבער, פּוילנס ענטפער פון 15=טן יולי און 13=טן סעפּטעמבער); נעמענדיק אין אַכט, אַז די שוועריקייטן, וואָס זיינען נאָך פאַרהאַן, באַציען זיך אויף דער פאַרווירקלעכונג פון די אויבנדערמאָנטע פּרינציפּן; נעמענדיק ווייטער אין אַכט, אַז לויטן 4=טן פּונקט פון טראַקטאַט וועגן דער פעלקער=ליגע דאַרף דער ראַט פאָרלייגן אַנטשיידונג, ווייל די צדדים האָבן ניט געקאָנט קומען צו קיין פולן הסכּם, ערקלערט דער ראַט פון דער פעלקער=ליגע, אַז ער רעקאָמענדירט אַיינשטימיק הימאַנסעס פּראָיעקט. אַחוץ דעם בעט דער ראַט הימאַנסן, אַז ער זאָל רעפערירן דעם גאַנצן ענין דעם פּלענום פון דער פעלקער=ליגע, וואָס זאָל מיט איר אַווטאָריטעט מיטהעלפן דער לייזונג פון פויליש=ליטווישן סיכסוך".

דערביי איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז לויט די סטאַטוטן פון פעלקער=בונד, איז געוונג מחייב אַ באַשלוס פון זיין ראַט. אַריבערטראָגנדיק דעם ענין אין פּלענום, איז מען אַלזאָ נאָר אויסן געווען פייערלעכער צו מאַכן דעם דאָזיקן באַשלוס.

ווי מיר זעען אַלזאָ, האָט דער באַשלוס ניט געטראָגן קיין כאַראַקטער פון אַ אימפּעראַטיוו, נאָר פון אַ אייגשטימיקן פאָרשלאָג און אַ רעקאָמענדאַציע פון ראַט פון דער פעלקערליגע, געווענדט צו ביידע צדדים. דאָך האָט ער אַרויסגערופן אַ גרויסע שימחה אין קאָוונע דערמיט, וואָס דער ראַט פון דער פעלקער=ליגע האָט צוגעפּסקנט, אַז ווילנע דאַרף געהערן צו ליטע. די ליטווישע רעגירונג איז געווען גרייט אָנצונעמען דעם צווייטן פּראָיעקט הימאַנסעס אַלס אַ גרונד פאַר אַ דיסקוסיע, ווי גאַלוואַנאַוסקאַס האָט טאַקע דעם 19=טן סעפּטעמבער ערקלערט אין זשענעווע אויף דער זיצונג פון ראַט פון דער פעלקער=ליגע. פּלוצלונג האָבן די סאָציאַל=דעמאָקראַטן אַריינגעטראָגן אין קאָוונער סיים אַ אינטערפּעלאַציע, אין וועלכער זיי האָבן פּראָטעסטירט קעגן אָננעמען הימאַנסעס פּראָיעקט. זיי האָבן אָנגעוויזן, אַז ווילנע איז נאָר אַ מיטל איינצושפּאַנען ליטע אין דער פּוילישער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק און ליטע וואָלט סוף=כּל=סוף געוואָרן אַ פּוילישע פּראָווינץ.

ביי דער באַהאַנדלונג פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער אינטערפּעלאַציע אין גרינדונג=סיים האָט ד״ר ראַכמילעוויטש פאַר=

געלייענט פאָלגנדיקע דעקלאַראַציע אין נאָמען פון דער יידישער פראַקציע:

„היות ווי די פאָליאַקן ווייזן ניט קיין וועג צום בעסערן ניט אין זייער אינווייניקסטער און ניט אין זייער אויסווייניקסטער פאָליטיק און בלייבן האָפענונגסלאָז געטריי זייערע היסטאָרישע טראַדיציעס פון פעאָדאַלן לייב-אייגנטום און פון שאָוויניסטישן נאַציאָנאַליזם אינווייניק און פון אַ פאַנאַטישן אימפּעריאַליזם כלפּי חוץ, דעריבער איז די יידישע באַפעלקערונג געווען, איז און וועט יין קעגן וואָסער-עס-איז אָרגאַנישער פאַרבינדונג צווישן ליטע און פוילן, וואָס דערפון ערוואַרטן די יידן גאָרניט פאַר דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון ליטע בכלל און ניט פאַרן יידישן פאָלק בפרט. מיר ווייסן, אַז ווילנע, וואָס מען וואַרפט אונז איצט אַרויס ווי אַ פאַנג-מיטל, איז ז:יצטער אַן עטאַפּ אויפן וועג וואַרשע-ווילנע-קאָוונע-מעמעל, אויף דעם וועג, וואו ליטע וועט סוף-כל-סוף ווערן אַ פוילישע פּראָווינץ. אין דער פעסטער און קלאָרער פאָליטיק אין דער פוילישער פראַגע, אין דער פּאָליטיק, וואָס עס האָבן ביז איצט אונטערגעהאַלטן אַלע פּאַרטייען, איז די לעצטע טעג פאָרגעקומען אַ שאַרפער קער אויף נאָכגעביקייט. דער דאָזיקער אומקער איז צו מערקן אין דער רעכטער פרעסע, און טעגער פון אים לאָזן זיך הערן אין די ווערטער פון די רעדנערס פון רעכטן פליגל. מיר געפינען פאַר נייטיק צו מאַכן די דאָזיקע מעלדונג באַזונדערס צוליב דעם, בכדי דעם לאַנד זאָל קלאָר זיין, אַז די אחריות פאַרן גורל פון ליטע פאַלט אויף די היינטיקע בעלי-בתּים פון סיים".

דער קאָוונער סיים האָט דעם 23-טן סעפּטעמבער אָפּגעוואָרפן דעם נייעם פּראָיעקט הימאַנסעס מיט 37 שטימען קעגן 34, כאָר הימאַנסעס פּראָיעקט האָבן געשטימט די קריסטלעכע דעמאָקראַטן, קעגן סאָציאַל-דעמאָקראַטן, פאָלקס-סאָציאַליסטן און יידן. ס׳ איז אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקע רעזאָלוציע: 1) הימאַנסעס פּראָיעקט פון 3-טן סעפּטעמבער איז אוממעגלעך אָנצונעמען. 2) ביים אַיינשטעלן די באַציאונגען צווישן פוילן און ליטע, וועט ליטע ניט אָננעמען קיין שום באַדינגונגען, וואָס זאָלן באַגרעניצן איר סובערעניטעט.

עס איז איבערהויפּט באַשלאָסן געוואָרן זיך צו באַציען מיט גרויס פאָרזיכטיקייט ביי די אונטערהאַנדלונגען מיט פוילן.

אָן שום ספק האָט אויפן באַשלוס פון קאָוונער סיים אויך געווירקט די נאָטע פון רוסישן קאָמיסאַר פאַר אויסלענדישע ענינים, טשיטשערין, צו ליטע.

אין דער נאָטע ווערט געזאָגט, אַז ראַטן-רוסלאַנד איז געווען די ערשטע מלוכה, וואָס האָט אָנערקענט ליטע אין די גרעניצן, וואָס עס זעט פאָראויס דער רוסיש-ליטווישער אָפּמאַך פון 12-טן יולי 1920, ראַטן-רוסלאַנד ווייס, אַז פראַנקרייך אָרגאַניזירט אַ אַנטיבאָלשעוויסטישן בלאָק, אין וועלכן זי וויל אַריינציען אויך ליטע. אָננעמענדיק דעם צווייטן פּראָיעקט הימאַנסעס גייט ליטע דייטלעך איבער אויף דער זייט פון דער קאָאַליציע און באַזונדערס פאַלט זי אַרונטער דעם פוילישן אַיינפלוס, צו וואָס ראַטן-רוסלאַנד וועט ניט פאַרבלייבן גלייכגילטיק.

ווי עס האָט טאַקע געשריבן „גאַזעטאַ ווילענסקאַ", האָט די נאָטע געמאַכט אַזאַ גרויסן איינדרוק אויף די ליטווישע דיפּלאָמאַטן, אַז די גאַנצע ליטווישע פרעסע האָט אָנגעהויבן צו שרייען





אין איין קול, אַז מיט פוילן קען מען ניט אַריינגיין אין קיין שום אונטערהאַנדלונגען, ווייל פריער צי שפּעטער וועט רוסלאַנד ווערן שטאַרק און צעקלאַפּן פוילן, און דאַן וואָלט ליטע אויך האַלטן שמאָל. צוליב דער ירידה פון פוילישן מאַרק, האָט אַלאַרמירט די ליטווישע פרעסע, איז פוילן אַ „לעכערדיקער זאַק" און עס איז שוין אָנגעקומען דער אָנהייב פון איר פולשטענדיקער צעפאַלונג.

ליטעס אינטערנאַציאָנאַלע פּאָזיציע האָט זיך דערווייל פאַרשטאַרקט, ווייל גלייך נאָכן באַשלוס פון ראַט פון דער פעלקער-ליגע האָט מען ליטע אָנגענומען אַלס מיטגליד פון דער פעלקער-ליגע, און אויף דער זיצונג פון פּלענום פון דער פעלקער-ליגע, וואו ליטע איז שוין געווען פאַרטראָטן אַלס אַ מיטגליד, איז אַיינשטימיק (אַחוץ נאַטירלעך פוילן און ליטע) באַשטעטיקט געוואָרן דער באַשלוס פון ראַט פון דער פעלקער-ליגע (דער פאָרשטייער פון רומעניע האָט געשטימט קעגן). די צדדים זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרן זיך צו פאַרשטענדיקן און ערליידיקן דעם סיכסוך בדרך שלום.

לויט די ידיעות פון בערלינער „רול" האָט גאַלוואַנאַוסקאַס געפאָדערט, אַז די פעלקער-ליגע זאָל נעמען אויף זיך די באַזייטיקונג פון גען. זשעליגאָווסקיס מיליטער. אויף דעם האָט הימאַנס געענטפערט, אַז די פעלקער-ליגע האָט בלויז אַ מאָראַלישן אַווטאָריטעט, אָבער זי קען ניט אַיינשטעלן די אָרדענונג אין ווילנע, אויב פוילן און ליטע וועלן זיך פרייוויליק ניט צונויפריידן.

ווי עס איז צו זען אַלוּאָ, האָט, טראָץ אַלע ערוואַרטונגען, דער באַשלוס פון פּלענום פון דער פעלקער-ליגע געטראָגן אַ ווייניקער אַנטשלאָסענעם כאַראַקטער, ווי דער באַשלוס פון ראַט, אָנשטאָט אויפצופאָדערן ביידע צדדים, אַז זיי זאָלן זיך אומבאַדינגט אונטערוואַרפן דעם באַשלוס אונטער דער דראָאונג פון שטראָף-סאַנקציעס, האָט זיך דער פּלענום פון דער פעלקער-ליגע באַנוגנט מיט אַרויסזאָגן זיין מיינונג — באַשטעטיקן דעם אַלטן באַשלוס, און אַפּעלירן צום פאַרשטאַנד פון ביידע מלוכות, אַז זיי זאָלן ווערן נאָכגיביקער און ווי עס איז דורכקומען צווישן זיך. די פוילישע פּאָליטיקער וועלן עס אָן שום ספק פרובן פאַרשרייבן אויף זייער אַקטיוו, ווייל נאָכן באַשלוס פון ראַט האָט פוילן אונטערגענומען דיפּלאָמאַטישע שריט ביי דער פראַנצויזישער רעגירונג, כדי צו ווירקן, אַז דער באַשלוס פון פּלענום זאָל ניט פאַרשווערן די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע פון פוילן, נייערט פאַרבעסערן זי. די ליטווישע דיפּלאָמאַטן, דערקעגן, האָבן זיך שפּעטער אויסגעדריקט, אַז שולדיק דערין איז געווען די קאָוונער רעגירונג און סיים, וואָס האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן הימאַנסעס פּראָיעקט און אַזוי אַרום פאַרקלענערט די שאַנסן פון זיין פאַרווירקלעכונג. ווען ניט דאָס, וואָלט דער באַשלוס פון פּלענים געטראָגן אַ מער אַנטשיידענעם כאַראַקטער, און פוילן וואָלט ווידעראַמאָל קאַטעגאָריש אויפגעפאָדערט געוואָרן, אַז גענעראַל זשעליגאָווסקי זאָל תּיכּף-ומיד פאַרלאָזן ווילנע. אַזוי צי אַזוי, דער פאַקט בלייבט אַ פאַקט, אַז די פעלקער-ליגע — די פאַקטישע עקספּאָזיטור פון די גרויסע מלוכות מיט ענגלאַנד בראש האָט ניט געקענט אָדער ניט געוואָלט לייזן די אָ:געווייטאָגטע ווילנער פראַגע און נאָך אַ יאָר פון אונטערהאַנדלונגען און צוזאַמענפאָרן מכל המינים איז די פראַגע ווידער געבליבן שטיין אויף אַ טויטן פונקט און די אַנטשיידונג איז אויף איין האָר ניט געוואָרן נעענטער.



ענסקי.

# ווילנע אין זומער 1921.

.I

עס איז אַריבער דער ווינטער 1921—1920, וואָס די יידישע באַפעלקערונג פון ווילנע און אומגעגנט וועט האָבן צו געדענקען, און מיטן אָנקומען פון פרילינג האָט זיך די לאַגע אין אַ געוויסער מאָס פאַרבעסערט אין אַלע הינזיכטן. עס האָט זיך פאַרקלענערט די אַרבעטסלאָזיקייט, עס זיינען זעלטענער געוואָרן די פאַלן פון באַנדיטיזם, מען האָט זיך איבערהויפּט געפילט זיכערער שוין צוליב דעם אַליין, וואָס די טעג זיינען געוואָרן גרעסער. און דאָך איז די לאַגע געווען אַ אומזיכערע. דער גורל פון קאַנט איז נאָך אַלץ ניט געווען באַשטימט, די לופט האָט נאָך געשמעקט מיט פולווער, עס האָט ממילא ניט געקאָנט אויפלעבן די אינדוסטריע, וואָס איז חרוב געוואָרן אין משך פון דער וועלט-מלחמה און די פאַרשיידענע אָקופּאַציעס. ווילנע, וואָס פאַר דער מלחמה האָט זי געציילט 238,000 נפשות, האָט איצטער געהאַט קוים 120,000 איינוואוינער*), וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי האָט געלעבט אין עלנט און דחקות, אויפן חשבון פון אַמעריקאַנער שטיצע דירעקט פון די קרובים, אָדער פון די צדקה-אינסטיטוציעס. צום בולטסטן באַווייזן עס די ציפערן, וואָס די באַשטייערונגס-קאָמיסיע ביי דער ווילנער יידישער קהילה האָט צונויפגעזאַמלט. פון 16000 יידישע פאַמיליעס אין ווילנע זיינען קוים 3000 צָנערקענט געוואָרן פאַר צאָלונגספעאיקע און כמעט אַ העלפט פאַר נויטבאַדערפטיקע.

אָט אַרום דער דאָזיקער אויסגעהונגערטער, צערואינירטער ווילנע האָבן זיך אָפּן און הינטן-אַרום אַרומגעריסן פאַרשיידענע מלוכות: פוילן, ליטע, די רוסישע עמיגראַציע, ראַטנרוסלאַנד, ענגלאַנד, פראַנקרייך און א. וו. יעדערער פון זיי האָט געוואָלט אויסנוצן ווילנע אַלס קאָמוניקאַציע-צענטער, אַלס טראַנזיט-פּונקט צווישן מערב און מזרח, אויסנוצן די נאַטירלעכע רייכטימער פון דעם קאַנט אין וואַלד, לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן וכדומה.

פוילן האָט פּרעטענדירט אויף דעם דאָזיקן קאַנט, וואָס האָט איר געגעבן דעם גרעסטן פּוילישן דיכטער אַדאַם מיצקעוויטש, דעם היינטי‌ן מלוכה-שעף יוזעף פּילסודסקי, דעם העלד פון סוף 18-טן יאָרהונדערט טאַדעאוש קאָסציושקאָ און אַ סך אַנדערע. ליטע האָט געמאָנט ווילנע, איר אַלטע הויפּטשטאָט, הגם דער ליטווישער עלעמענט איז קליין אין צאָל און שפּילט כמעט קיין שום ראָלע ניט אין ווילנע גופא.

ראַטנרוסלאַנד, וואָס האָט אין יולי 1920 אָפּגעטראָטן ווילנע די ליטווינער, האָט ניט אָנערקענט זשעליגאָווסקיס הערשאַפט און געוואַרט אומגעדולדיק אויף דעם מאָמענט, ווען די רויטע אַרמיי זאָל ווידער קענען פאַרנעמען די שטאָט, פון וואַנען זי איז אַזוי אומגערן אַוועק אין זומער 1920. ענגלאַנד האָט אונטערשטיצט ליטעס תביעות, ווייל זי האָט ניט געוואָלט דערלאָזן, אַז פוילן, פראַנקרייכס אַליאַנט, זאָל ווערן צו שטאַרק. פראַנקרייך האָט אָפּן און געהיים אונטערשטיצט איר געהאָרכזאַמן וואַסאַל פוילן. אַזוי-אַרום האָט זיך געפירט אַ האַרטנעקיקער קאַמף פאַר ווילנע און דאָס לאַנד האָט ממילא דערפון געליטן.

---

*) סוף זומער האָט זיך די צאָל באַדייטנד פאַרגרעסערט, ווייל אַ סך איינוואוינער האָבן זיך פאַר דער צייט אומגעקערט פון רוסלאַנד, אַזוי אַז עס האָט זיך געלאָזט פילן אַ שאַרפער דוחק אין דירות.



אַזוי ווי דעם פאַרגאַנגענעם ווינטער, פלעגט מען אויך איצט נאָך כסדר אָפּלייגן די לייזונג פון דער ווילנער פראַגע פון איין טאָג אויפן צווייטן—דאָ אויף דעם ערשטן, דאָ אויף דעם 5-טן, דאָ אויף דעם 15-טן און דאָ אויף דעם 20-טן, און אַזוי אָן אַ סוף. די צייטונגען פלעגן ברענגען ידיעות: די בריסעלער קאָנפערענץ קומט זיך צונויף אַזאַ און אַזאַ טאָג; עס איז פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג, אַשכנזי האָט דאָס געזאָגט, דער ליטווישער דעלעגאַט גאַלוואַנאַוסקאַס האָט אים אַזוי געענטפערט; פוילן שיקט יאָ דעלעגאַטן, ליטע ניט, אָדער פאַרקערט; יאָ אָנגענומען הימאַנסעס פּראָיעקט, ניט אָנגענומען; יאָ אַנטוואָפענונג, ניט אַנטוואָפענונג; דעם 1-טן קומען אָן די ליטווינער; די רויטע אַרמייער גרייטן זיך, די ווייסרוסן באַוואָפענען זיך, ליטע מאָביליזירט זיך און אַזוי ווייטער. די אַלע ידיעות פלעגן נאַטירלעך שאַפן אַ נערוועזע שטימונג, וואָס פלעגט דערדריקן און נידערשלאָגן די אַזוי אויך געניוג אָנגעשראָקענע און נערוועזע באַפעלקערונג. ביסלעכווייז אָבער האָט מען זיך אַזוי צוגעוויינט צו די אַלע קלאַנגען, וואָס פלעגן זיך דאָס רוב אַרויסווייזן פאַר פאַלש, אַז מ'האָט זיי אויפגעהערט צו גלויבן און זיך צו אינטערעסירן מיט זיי, פונקט אַזוי ווי דער פוילישער באַפעלקערונג זיינען צוגעגעסן געוואָרן די מיטינגען, וואָס מ'פלעגט אַראַנזשירן כמעט אַלע וואָך, און אויף וועלכע פאַר עטלעכע צענדליק אָדער הונדערט פערזאָן פלעגן אַרויסטרעטן אַלץ די זעלבע רעדנער, מיט אַלץ די זעלבע אויסגעדראָשענע טענות און פאָרלייגן רעזאָלוציעס, אַז מיר „די גאַנצע ווילנער באַפעלקערונג ווילן געהערן צו פוילן" און אַ. וו. און אַ. וו.

אַראַנזשירן די דאָזיקע מיטינגען פלעגן אַגב די רעכטע עלעמענטן. די מער דעמאָקראַטישע, די אַזוי-גערופענע „קראַיאָוועס" (אָנהענגער פון אַ געוויסער זעלבשטענדיקייט פון ווילנער קאַנט) אָדער פעדעראַליסטן (אָנהענגער פון אַ פעדעראַציע צווישן פוילן און ליטע) האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיט מיטינג-רעזאָלוציעס וועט מען ווייט ניט פאַרפאָרן. זיי האָבן זיך גערעכנט דערמיט, וואָס דיפּלאָמאַטיש האָט פוילן פאַרשפּילט ווילנע, און אַ לאַנד, וואָס האָט נאָך דריטהאַלבן יאָר זעלבשטענדיקער עקסיסטענץ נאָך אַלץ ניט געהאַט קיין מלוכה-גרעניצן און געווען אונטערוואָרפן דעם פּסק-דין פון בית-דין-של-מעלה פון דער אַנטאַנטע אין דער פראַגע פון אייבערשלעזיע, פון מזרח-גאַליציע און אַנד. פראַגן, האָט זיך מיט דער מערהייט פון דער אַנטאַנטע ניט געטאָרט איינרייסן. בכן האָבן זיי געוואָלט ראַטעווען וויניקסטנס אין אַ געוויסער מאָס דאָס, וואָס די אומגעלומפּערטע פוילישע דיפּלאָמאַטיע האָט פאַרשפּילט. זיי האָבן געשטרעבט צו אָרגאַניזירן ווילנער קאַנט אין אַ באַזונדער קאַנטאָן, וואָס, געהערנדיק צו ליטע, זאָל ער דאָך ניט זיין אונטערוואָרפן דער ליטווישער ממשלה. דערצו האָבן זיי געמוזט צוציען די ווייסרוסן און די יידן, ווייל נאָר אין דעם פאַל וואָלטן זיי געהאַט אַ מערהייט אין ווילנער קאַנטאָן. געשטיצט האָבן זיי זיך איבערהויפּט אויף די פּויערים, וועלכע זיי האָבן זיך באַמיט צו אָרגאַניזירן אין דער פּאַרטיי „אָדראָדזעניע", נאָענט צו דער פּוילישער טוגוט-גרופּע (ראַדיקאַלע פּויערים-פּאַרטיי), אַרויסשטעלנדיק די פאָדערונג פון אַ אַגראַר-רעפאָרם. כדי אַריבערצוציען אויף זייער זייט די יידן, האָט דער פירער פון די פּוילישע „קראַיאָוועס" לודוויג

כאַמינסקי אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ צייטונג אין יידיש „דער נייער מאָרגן" (ער האָט דערצו אַראָפּגעבראַכט אַ יידישן בחורל פון לאָוויטש, אַ געוויסן י. קראָנענבערג), וועלכע האָט אָנגעהויבן צו אַגיטירן פאַר פעדעראַציע.*)

לויטן מוסטער פון וואַרשע האָבן די פוילישע קראַיאָווצעס אָנגעהויבן צונויפצורופן זיצונגען פאַר יידיש=פוילישער פאַרשטענדיקונג. נאַטירלעך האָבן אַזעלכע קינסטלעכע און דעמאָנסטראַטיווע מיטלען ניט געקענט ברענגען צו קיין שום רעזולטאַט, בפרט נאָך אַז די מאַכט האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין גרייטשאַפט צו אונטערשטיצן מיט מעשים די הבטחות, און די קאָמיסיע פאַר יידיש=פוילישער פאַרשטענדיקונג אין וואַרשע האָט געפּלאַצט. אויף דער לעצטער פון די פויליש=יידישע באַראַטונגען אין ווילנע איז באַטראַכט געוואָרן די פראַגע וועגן דער יידישער קהילה. דאָ האָט זיך גלייך אַרויסגעוויזן די פאַלשע לאַגע, אין וועלכער די פוילישע פאָרשטייער האָבן זיך געפונען. פון דער יידישער זייט איז אַרויסגערוקט געוואָרן אַ פּראָיעקט פון אַ קהילה מיט פילזייטיקע פונקציעס, וואָס זאָל זיין דער יסוד פון דער יידישער נאַציאָנאַל=קולטורעלער אַווטאָנאָמיע. אַ טייל פון די פוילישע ראַטמענער איז גרייט געווען נאָכצוגעבן אין געוויסע פראַגן. זיי וואָלטן גאָר ניט געהאַט קעגן דעם, אַז די קהילה זאָל זיך פאַרנעמען מיט סאָציאַלער הילף, עמיגראַציע=פראַגן, קולטור און אַ. וו. אָבער, האָבן זיי געטענהט, מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק, מען טאָר ניט אויפרייסן די אויגן די אַנטיסעמיטן, וועלכע וועלן מאַכן פאָרוואורפן, אַז די יידן בילדן אַ מלוכה אין אַ מלוכה, און לאָזן זיך דעריבער די יידן באַנוגענען פאָרמעל מיט אַ רעליגיעזער קולטוס=געמיינדע, וועלכע וועט פאַקטיש קענען אויספירן פאַרשיידענע אַנדערע, ניט קיין רעליגיעזע פונקציעס. אַהין, אַהער—צו קיין שום ממשותדיקן רעזולטאַט האָט די זיצונג ניט דערפירט.

דער זײַנציקער קאָנקרעטער באַשלוס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן איז געווען... צונויפצורופן נאָך אַן אסיפה, שוין מיט אַן אַנדער סדר=היום—„די יידישע פּאָליטיק אין מיטל=ליטע אין דער נאָענטסטער צייט". מער איז שוין אָבער קיין זיצונגען ניט פאָרגעקומען. ערשטנס טוען די היגע פּאָליטיקער סיי די יידישע, סיי די פוילישע, אין אַלעמען נאָך וואַרשע, און וויבאַלד אין וואַרשע זיינען, ווי געזאָגט, איבערגעריסן געוואָרן די יידיש=פוילישע זיצונגען, האָט זיך דאָס ממילא געמוזט אָפּרופן אויך אין ווילנע. צווייטנס האָט זיך די היגע מאַכט, וואָס איז דאָך אינגאַנצן אָפּהענגיק פון וואַרשע, ניט געקענט אַנגאַזשירן צו פיל אין באַציאונג צו די יידן, ווייל דאָס וואָלטן אירע קעגנער גלייך אונטערגעכאַפּט און אויסגענוצט צו איר רעה.

די מאַכט האָט דעריבער ניט געקענט האָבן קיין אויסגעהאַלטענע שטעלונג לגבי די יידן און איר פּאָליטיק איז כסדר געווען אַ אומאַנטשלאָסענע, אַ וואַקלדיקע. אויפן פּאַפּיר, למשל, איז די יידישע שפּראַך געווען גלייכבאַרעכטיקט מיט דער פוילישער און מען האָט זיך געמעגט באַנוצן מיט איר אין אַלערליי אַמטן; פאַקטיש אָבער איז אין לעבן דערפון קיין זכר ניט געווען. און דאָך אין פאַרגלייך מיט פוילן, מוז מען מודה זיין, איז דאָ די באַציאונג צו יידן, צו דער יידישער שפּראַך און א. וו. געווען אַ סך אַ בעסערע. ווען אין פוילן, למשל, פלעגט די מאַכט אַנטזאַגן אַרויסצוגעבן קאָנצעסיעס אויף יידישע שולן מיט דער יידישער אונטערריכטס=שפּראַך, פלעגט זי דאָ זיי אונטערשטיצן מיט סוב=

*) די צייטונג האָט שפּעטער אָנגענומען אַזאַ העצערישן כאַראַקטער ניט נאָר קעגן די ליטווינער, נאָר אַפילו קעגן דער יידישער געזעלשאַפט און פּרעסע, אַז כאַמינסקי און זיין פּאַרטיי האָבן זיך פון איר אָפּגעטרייסלט און די צייטונג האָט זיך אַזוי=אַרום געמוזט פאַרמאַכן. די באַמיאונגען פון דעם רעדאַקטאָר פון דער דאָזיקער צייטונג צו אינסצעניר̇ן אַ פּאַרטיי פון יידישע „אַווטאָנאָמיסטן=פעדעראַליסטן", האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַ מיאוסן דורכפאַל.



סידיעס, אמת אין אַ נישטיקער מאָס, עפּעס מער ווי אַ מיליאָן אַ חודש אויף אַלע שולן. דאָס זעלבע האָט זיך אויך געלאָזט מערקן אויף אַנדערע געביטן. דער ווילנער יידישער שפּיטאָל, למשל, ווערט אויסגעהאַלטן פולשטענדיק פון דער שטאָט=קאַסע*), אין דער צייט ווען אין אַ גאַנצער ריי שטעט אין פוילן גיבן די מאַגיסטראַטן נאָר אַרויס געוויסע סובסידיעס די יידישע שפּיטעלער, וואָס מוזן זיך זוכן נאָך פאַרשיידענע אַנדערע הכנסה=קוועלן.

דערקעגן האָבן די ווילנער צדקה=אינסטיטוציעס, ווי די אינטערנאַטן, קיכן און א. וו. כסדר זיך געניייטיקט אין געלטמיטלען. דער מאַגיסטראַט פלעגט מיט אַלע קונצן זיך באַמיען צו פאַרקלענערן די סובסידיע, וואָס לויטן באַשלוס פון שטאָט=ראַט איז ער זיי געווען מחויב אַרויסצוגעבן. די יידישע קהילה פלעגט שיקן דעלעגאַציעס מיט מעמאָראַנדומס צום דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פאַר אינווייניקסטע ענינים, וועלכער האָט ענדלעך אָפּגעפּטרט מיט אַ נישטיקער לויטן צושטאַנד פון דער פוילישער וואַלוטע סומע: 1.200.000 מאַרק אויף אַלע יידישע אַנשטאַלטן.

---

## .II

די צייטווייליקע רעגירנדיקע קאָמיסיע האָט וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרלאָרן דעם אַווטאָריטעט אַפילו ביי דער פוילישער באַפעלקערונג. ביי די אָנהענגער פון אינקאָרפּאָראַציע (פון פאַראייניקן ווילנע צו פוילן) איז זי דאָך בכלל ניט געווען נייטיק און נאָר געשטערט. נאָר אַפילו די פעדעראַליסטן האָבן דאָך אויך געוואָלט וואָס גיכער אַרויסקריכן פון דער אומגעלומפּערטער לאַגע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן נאָכדעם, ווי גען. זשעליגאָווסקי האָט אָפּגערופן די וואַלן צום ווילנער סיים אין פעברואַר 1921. אין יוני 1921 האָט די פוילישע פּרעסע ווידער אָנגעהויבן אַ קאָמפּאַניע פאַר צונויפרופן אַ סיים, האָפנדיק, אַז איצטער וואָלטן די ניט=פּאָליאַקן אפשר גיין אין סיים אָדער אין אַ ערזאַץ=קערפּערשאַפט, דעם אַזוי=גערופענעם נאַציאָנאַל=ראַט אָדער לאַנד=ראַט, וואָס זאָל איבערנעמען די מאַכט פון דער צייטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיס״ע.

כדי צו זאָנדירן דעם באָדן און אונטערהאַנדלען מיט די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, איבערהויפּט מיט די יידן, איז ספּעציעל אַראָפּגעקומען פון וואַרשע אַ הויכער באַאַמטער פון דעם מיניסטעריום פאַר אויסלענדישע ענינים פאָן=קנאָל, וועלכער האָט באַזוכט פאַרשיידענע יידישע כלל=טוער ווי ד״ר וויגאָדסקי פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי, יונה שאַפּיראָ פון דער דעמאָקראַטישער**) און ראַבינער רובינשטיין. פאָן=קנאָל האָט קאָנקרעט געשטעלט די פראַגע, ווי וועט זיין די באַציאונג פון די יידן צו אַ סיים, נאַציאָנאַל=ראַט וכדומה. ד״ר וויגאָדסקי האָט אים געענטפערט, אַז דאָס הענגט אָפּ פון 3 תנאים: פון שטח וואָס די וואַלן וועלן אַרומנעמען, פון דער קאָמפּעטענץ פון סיים און די באַדינגונגען, ביי וועלכע די וואַלן וועלן פאָרקומען. בכלל האָבן די אַלע אינטערוויואירטע געפאָדערט, אַז פוילן זאָל מאַכן קאָנקרעטע שריט און דורכפירן צוערשט אין פוילן דאָס, וואָס זי וועט צוזאָגן אין מיטל=ליטע, אַניט וועלן די הבטחות פון דער פוילישער רעגירונג באַטראַכט ווערן דורך די ווילנער יידן אַלס אַ פּראָדוקט פון דער ניט באַשטימטער לאַגע, אַלס אַ מין „לאַפּובקע", אונטערצוקויפן זיי אויפן קריטישן מאָמענט.

עס איז אויך געווען סימפּטאָמאַטיש, וואָס די פוילישע פּרעסע האָט זיך אינמיטן זומער 1921 פּלוצלונג אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט דער יידן=פראַגע. ניט נאָר די אָרגאַנען פון די פעדעראַליסטן, נאָר אַפילו די אָנהענגער פון אינקאָרפּאָראַציע,

*) אמת, זיינט דער דייטשער אָקופּאַציע אָן.

**) דער פירער פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, ד״ר צ. שאַבאַד, איז צו יענער צ״יט ניט געווען אין ווילנע.

ווי „גאַזעטאַ ווילענסקאַ“, אָרגאַן פון „סטראַזש קרעסאָוואַ“ (גרעניק=שוץ), וואָס איז פיינדלעך געשטימט צו יידן, האָט פלוצלונג ערקלערט בקול קולות, אַז זי הייבט אָן אַ יידישע דיסקוסיע און בעט די אָנגעזעענע יידישע טוער צו נעמען אַ וואָרט אויף די שפאַלטן פון דער צייטונג. אמת, זי האָט דערביי געמאַכט פאַרשיידענע באַוואָרענישן, אַרויסגעשטעלט, למשל, אַ פאָדערונג, אַז די פוילישע קולטור מוז אָנערקענט ווערן אַלס הערשנדיקע, ניט אָנערקענט די יידישע שפּראַך, מאַכנדיק חנדלעך דער העברעאישער, וואָס איז פאַר דער פוילישער רעאַקציע ניט אַזוי געפערלעך, אַרויסגעזאָגט פיקפּוקים, צי זיינען די יידן איבערהויפּט אַ נאַציע, אַזוי, אַז עס האָט שוין אָפּגענומען דעם חשק זיך צו באַטייליקן אין דער פאָרגעלייגטער דיסקוסיע, בפרט אַז דער אמתער פּרצוף פון דער „גאַז. ווילענסקאַ“ איז געווען גוט באַקאַנט. פאַקטיש איז טאַקע פון דער גאַנצער דיסקוסיע אין דער דאָזיקער צייטונג גאָרנישט אַרויסגעקומען, און דער איינציקער אַרטיקל איז געווען ד״ר שאַבאַדס, וועלכן זי האָט איבערזעצט פון „אונזער טאָג“. כאַראַקטעריסטיש אָבער איז דאָך דער פאַקט אַליין, וואָס פלוצלונג האָט זיך דער „גאַזעטאַ ווילענסקאַ“ פאַרוואָלט אָנצוהייבן אַ יידישע דיסקוסיע. די אָרגאַנען פון די „קראַיאָווצעס“, „אַזעטאַ קראַיאָוואַ“ און „סלאָוואָ ווילענסקע“, איבערהויפּט די ערשטע האָבן אָנגעהויבן אָפּצוגעבן מער אָרט דער יידישער פראַגע, געדרוקט אינטערוויוען מיט יידישע כלל=טוער, באַקאַנט די פוילישע געזעלשאַפט מיט די מיינונגען פון די יידישע צייטונגען, באַזונדערס מיט די=יעניקע, וואָס האָבן זיך געלאָזט אויסנוצן לשם אַגיטאַציע. דאָס אַלץ איז געווען אַ רעזולטאַט פון דעם פיבער, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די פוילישע געזעלשאַפטלעכע טוער פאַר די וואַלן צום סיים אָדער ערזאַץ=צוזאַמענפאָר, וואָס איז אין מיטן זומער ווידער אַרויפגעשוואומען אויף דעם סדר=היום פון דעם פּאָליטישן לעבן.

די פאַרשטענדיקונג מיט ליטע איז צוגעגאַנגען שווער. ליטע האָט זיך ניט געוואָלט לאָזן איינשפּאַנען אין פוילישן מיליטערישן וואָגן.

בינו לבינו האָט דער ראַט פון דער פעלקער=ליגע אין זשענעווע דעם 28=סטן יוני אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז זשעליגאָווסקיס אַרמיי דאַרף פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מיליציע אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָנטראָל=קאָמיסיע פון דער פעלקער=ליגע. די פוילישע רעגירונג, וואָס האָט, ווי מיר האָבן אויבן ערקלערט, ניט געטאָרט איינרייסן מיט די גרויסע מלוכות, האָט ניט געקענט פּשוט אָפּוואַרפן דעם באַשלוס, נאָר קאָמוניקירט אים גענ. זשעליגאָווסקין, אַז ער, הייסט עס, זאָל נעמען אויף זיך די טרחה צו דערגיין, צי איז די באַפעלקערונג דערויף מסכים, און אויב ניט, אויף וואָס מען האָט זיך אויף זיכער געריכט, וועט עס זיין אַ גוטער תירוץ פאַר דער פעלקער=ליגע. און אַזוי איז געווען. גענ. זשעליגאָווסקי האָט פאַרבעטן פאָרשטייער פון פאַרשיידענע ריכטונגען און בתוכם עטלעכע יידן, ווי ד״ר וויגאָדסקי, ראַבינער רובינשטיין, אינזש. ספּיראָ און אַנדערע כדי זיך צו אינפאָרמירן וועגן זייער שטעלונג צו דער פאָרשטייענדיקער פאַרזאַמלונג. עס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן נאָך עטלעכע פאַרטרוילעכע זיצונגען בלויז פאַר פוילישע כלל=טוער מיט און אָן דעם אָנטייל פון דעם שעף פון דער סעקציע פאַר די ענינים פון מיטל=ליטע ביים פוילישן מיניסטעריום פאַר אויסלענדישע ענינים גראַף קאָסאַקאָווסקי און דער רעזולטאַט פון די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען איז געווען, אַז אויפן 14=טן און 15=טן אַווגוסט איז באַשטימט געוואָרן אַ צוזאַמענפאָר פון די קרייז=סיימיקעס מיטן ווילנער שטאָטראַט. דער דאָזיקער צוזאַמענפאָר, וועלכן די גאַנצע פוילישע פּרעסע האָט באַזונגען פאַר אַ גואל פון פאָטערלאַנד און געהאַלטן אים פאַר באַרעכטיקט צו ריידן אין נאָמען פון ווילנער באַפעלקערונג, האָט, לויט דער כוונה פון זיינע איניציאַטאָרן, דער צייטווייליקער



רעגירנדיקער קאָמיסיע, געדאַרפט בלויז אָננעמען אַ באַשלוס קעגן דער דעמאָביליזאַציע פון זשעליגאָווסקיס אַרמיי און פאַר אַ באַלדיקן צונויפרוף פון אַ סיים. דאָס האָט געדאַרפט ווייזן דער גרויסער וועלט, וואָס ווילנער קאַנט וויל. אין דער אמתן אָבער האָבן די פעדעראַליסטן אַליין שפּעטער מודה געווען (נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך אין אַ געוויסער מאָס מייאש געווען פון צוזאַמענפאָר), אַז די „סיימיקעס“ (די פאָרשטייערשאַפט פון די קרייזן) זיינען אַבסאָלוט ניט קיין דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס, אַז זיי זיינען געוויילט געוואָרן דורך 3—פאַכיקע וואַלן אונטערן דרוק פון דער מאַכט, און ממילא וועט זיך גענ. זשעליגאָווסקי ניט רעכענען מיט די „פרומע וואונטשן פון די סובערענען פון קאַנאַליזאַציע, וואַסערלייטונג און לאַנדווירטשאַפטלעכע קרייזן“, ווי „סלאָוואָ ווילענסקע“ האָט שפּעטער געשריבן.

די צייטווייליקע ווילנער מאַכט האָט זיך דאָ געפונען אין זייער אַ שלעכטער לאַגע. פון איין זייט האָט זי געוואָלט דעם צוזאַמענפאָר, פון דער צווייטער זייט האָט זי מיט רעכט מורא געהאַט, אַז אויפן צוזאַמענפאָר וועלן האָבן אַ איבערהאַנט די ענדעקעס און ער וועט ווערן אַ דעמאָנסטראַציע פאַר פאַראייניקן ווילנע צו פוילן און קעגן דער צייטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע. ווי דער באַוואוסטער פוילישער כלל=טוער און מחבר פון הימאַנסעס פּראָיעקט, גענ. באָביאַנסקי האָט שפּעטער, אינמיטן אַווגוסט, געזאָגט אַ מיטאַרבעטער פון דער ליטווישער טעלעגראַפן=אַגענטור „עלטאַ“, האָט טאַקע אין די דאָזיקע שווערע מאָמענטן גענ. זשעליגאָווסקי געוואָלט אינגאַנצן אַוועקגיין פון ווילנע, און די פוילישע רעגירונג האָט קוים געפּועלט ביי אים ער זאָל בלייבן.

די מאַכט האָט זיך דעריבער ענערגיש גענומען גרייטן צום צוזאַמענפאָר, צו וואָס מ׳האָט מאָביליזירט אַלע קרעפטן. דורך דער פאַרטיי „אָדראָדזעניע“ האָט מען געפּרובט ווירקן אויף די פויערים. בייזע צינגער גיבן צו, אַז מ׳האָט זיך אויך באַנוצט אַלס אַגיטאַציע=מיטל מיט משקה און צובייסן, ווי עס טרעפט אַגב אָפט ביי אַ וואַל=אַגיטאַציע.

אַ פּאָר טעג פאַר די וואַלן איז מיט גרויס רעש „געשאַפן“ געוואָרן אַ פאַרטיי פון יידישע „אַווטאָנאָמיסטן=פעדעראַליסטן“, וואָס איז באַשטאַנען בלויז פון דעם רעדאַקטאָר פון דער יידישער צייטונג פאַר פויליש געלט „דער נייער מאָרגן“. אויפן צוזאַמענפאָר גופא האָט מען אויף דער גאַלעריע אַרויפגעלאָזן בלויז „זיכערע מענטשן“, הגם אָרט איז געווען גענוג.

קיין יידישע פאָרשטייער האָבן זיך אין צוזאַמענפאָר ניט באַטייליקט. אַ טאָג פאַרן צוזאַמענפאָר, דעם 13 אַווגוסט, האָבן די יידישע ראַטמענער פון ווילנער שטאָטראַט פאַרעפנטלעכט אַ רעזאָלוציע, אַז היות דער צוזאַמענפאָר וועט טראָגן אַ פּאָליטישן כאַראַקטער, האָבן זיי אַלס געוויילטע מיט ווירטשאַפטלעכע מאַנדאַטן קיין רעכט ניט, צו נעמען אין אים אַ אָנטייל. דאַקעגן=זשע האָבן די עטלעכע ליטווינער פון סווענציאַנער סיימיק יאָ זיך באַטייליקט אין צוזאַמענפאָר, וואַרשיינלעך אַלס מורא פאַר רעפּרעסיעס.

דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען פאָלגנדע רעזאָלוציעס:

## I. פאַר איבערלאָזן זשעליגאָווסקיס אַרמיי.

דער צוזאַמענפאָר פון די זעלבסטפאַרוואַלטונגען פון ווילנער קאַנט באַשטעטיקט פייערלעך, אַז גענ. זשעליגאָווסקיס אַקציע פון 9 אָקטאָבער 1920 האָט פולשטענדיק געשטימט מיט דעם רצון און די געפילן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג לגבי דער ליטווישער מאַכט, וואָס איז איר אָנגעוואָרפן געוואָרן דורך דעם באָלשעוויכטיש-ליטווישן אָפּמאַך, און מיט דעם דורך אים געשאַפענעם מצב הענינים און געניסט אַ אַנטשלאָסענע אונטערשטיצונג מצד דער מערהייט פון דער לאַנד-באַפעלקערונג; דריקט אויס דעם גענ. זשעליגאָווסקי און

זיינע זעלנער די העכסטע דאנקבארקייט פאר דער באפרייאונג פונם גרעסטן טייל לאנד פון דער פרעמדער און פיינדלעכער אָקופּאַציע פון דער קאָוונער רעגירונג, האָרנדיק צום גענ. זשעליגאָווסקי און זיין טעטיקייט דעם פולקומען צוטרוי און אָנערקענינג פאר דער דורך אים אויסגעפירטער ארבעט; ערווארט פון אים אויך אויף להבא אַ הצלחהדיקע און אָנטשלאָסענע פארטיידיקונג פון לאנד און פון די רעכט פון די איינוואוינער קעגן אלערליי אטענטאטן פון אויסן.

נעמענדיק אין אכט, אז די פאָדערונגען פון דער פעלקער-ליגע בנוגע דער אייגנצייטיקער אנטוואָפענינג פון גענ. זשעליגאָווסקיס חייל און באזייטיקונג פון זיין ארמיי און אדמיניסטראציע די, איבעריקנס ווייניקע אין צאָל, פוילישע עלעמענטן, וואָס שטאמען ניט פון דעם קאנט, קענען ניט אָנגענומען ווערן מחמת 1) די פאָדערונגען ווערן ארויסגעשטעלט אין אַ צייט, ווען דער גורל פון לאַנד איז נאָך ניט באשלאָסן און דאָס מיליטער פון דער קאָוונער רעגירונג שטייט ביי די טויערן פון ווילנע און אָקופּירט אַ באדייטנדיקן שטח פון ווילנער קאנט, 2) די פעלקער-ליגע קען ניט געבן קיין גענוגנדיקע גאראַנטיע פאר דער זיכערהייט פון לאנד, ווייל אירע פאָדערונגען צו דער קאָוונער רעגירונג, ווי למשל בנוגע דער פארקלענערונג פון דער ליטווישער ארמיי, איר אָפּציאונג פון דער ליניע ווילנע-גראָדנע זיינען דורך דער דערמאָנטער רעגירונג ניט אויסגעפירט געוואָרן, ווייל די לאגע פון דער באַפעלקערונג אין נייטראַלן פאס, וועלכער געפינט זיך אונטער דער השגחה פון דער קאָנטראָל-קאָמיסיע פון דער פעלקער-ליגע, איז אַ חוזק איבער אלע באגריפן פון געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג און איז גיכער אַ סיסטעם פון פולשטענדיקער אנארכיע, און אז 3) אחוץ דעם אלעם האָט יעדער פּאָליאַק, פון וועלכן קאנט ער זאָל ניט שטאמען, דאָס רעכט צו פארטיידיקן די גאנצקייט פון דער פוילישער ערד און אָנטייל צו נעמען אין דער אדמיניסטראציע, ווארפט דער צוזאמענפאָר אנטשלאָסן און פולשטענדיק אָפּ די פאָדערונג פון דער פעלקער-ליגע פון 28-סטן יוני 1921 און שטרייכט אונטער, אז גענ. זשעליגאָווסקיס ארמיי, איז ניט נאָר די איינציקע גאראנטיע פאר דער זיכערקייט און אָרדענונג אין לאנד, נאָר אויך די שטיצע פון שלום אין דעם דאָזיקן ווינקל פון אייראָפּע.

(אָנגענומען איינשטימיק).

## II. פאר פאראייניקן ווילנער קאנט צו פוילן.

דער צוזאמענפאָר באשטעטיקט, אז דער קלאָרער און פיל מאָל אויסגעדריקטער ווילן פון דער באפעלקערונג פון ווילנער קאנט, וואָס דער צוזאמענפאָר רעפּרעזענטירט, איז געווען און איז אויך איצט—זיך וואָס פעסטער, וואָס דויערהאַפטיקער צו באהעפטן מיט דער פוילישער רעפּובליק.

דער צוזאמענפאָר איז זיכער, אז גענ. זשעליגאָווסקי ווי אויך די פוילישע רעגירונג וועט טאָן אלץ וואָס איז מעגלעך, כדי וואָס גיכער צו פארווירקלעכן די שטרעבונגען פון דער ווילנער באפעלקערונג.

וועלנדיק איין מאָל פאר אלע מאָל מאכן אַ סוף צו דער ניט זיכערער לאגע, וועלכע דויערט זיך נאָך ביז איצט, צוליב די שטערונגען, וואָס ווערן געמאכט מצד דער פעלקער-ליגע קעגן דעם ארויסזאָגן זיך פון דער פּראַאינטערעסירטער באפעלקערונג,—

ווענדט זיך דער צוזאמענפאָר צום גענ. זשעליגאָווסקי מיט אַ בקשה צונויפצורופן פון דער טעריטאָריע, וואָס ליגט אין זיין מאכט, אַ פארזאמלונג פון ספּעציעל צו דעם צוועק אויסגעוויילטע פאָרשטייער, אויסשליסלעך, כדי ענדגילטיק צו באשליסן וועגן דער מלוכה-צוגעהעריקייט פון דער דערמאָנטער טעריטאָריע.

די דאָזיקע רעזאָלוציע האָט אַרויסגערופן גרויסע דעבאַטן. די מינדערהייט (פעדעראַליסטן און פּ. פּ. ס.) האָבן געפאָדערט פאַרבייטן דאָס וואָרט באַהעפטן מיטן וואָרט „אָנשליסן צו פוילן“ און דאָס וואָרט פאַרזאַמלונג מיטן וואָרט „סיים“. זייערע אויסבעסערונגען זיינען דורכגעפאַלן מיט אַ מערהייט פון 80 קעגן עטלעכע און 20.

עס זיינען נאָך אָנגענומען געוואָרן אַ גאַנצע ריי רעזאָלוציעס, פון וועלכע די וויכטיקסטע איז וועגן אויסקלייבן אַ עקזעקוטיווע (אַ מין ביוראָ) ביי גענ. זשעליגאָווסקין:





## III.

אין פאַרגלייך מיטן ווינטער 1920—1921, איז שוין אין זומער 1921 געווען, ווי געזאָגט, אַ סך בעסער. די מאַכט האָט אָנגעהויבן אַן ענערגישן קאַמף קעגן דעם באַנדיטיזם, וואָס איז געווען אַן אמתע מכה פאַרן ווילנער קאַנט, און ביסלעכווייז אים ליקווידירט. די נגישות קעגן דער יידישער באַפעלקערונג זיינען געוואָרן אַלץ זעלטענער. די עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיך אויך אין אַ געוויסער מאָס פאַרבעסערט. ניט אויפגעהערט האָבן אָבער די ליידן פון פּריזיוו פון די יאָרגענג 1900—1896. ס'פלעגט, לויטן מוסטער פון די צאַרישע צייטן, אויפגעמאָנט ווערן ביז 50,000 מאַרק שטראָף ביי די עלטערן פון די ניט צוגעשטעלטע מיליטער-פליכטיקע. אין די דערפער פלעגן אַרומפאָרן מחנות באַוואָפנטע רייטער-פּאָליציאַנטן, מיטן צוועק אויסצוזוכן די יוגנט אין מיליטער-עלטער, און פלעגן דערביי אַכזריותדיק שלאָגן. אין עטלעכע ערטער זיינען געווען בלוטיקע קרבנות*), ווילנע האָט געווימלט מיט געהיימע אַגענטן פון כל המינים (ווי מען האָט איבערגעגעבן, זיינען געווען גאַנצע 7 פאַרשיידענע דעפענסיוועס, מיליטערישע און ציווילע), אַלע פאָר טעג פלעגן פאָרקומען אָבלאַוועס, מייסטנטיילס אָבער, לויטן פוילישן שטייגער, פרייטאָג-צונאַכטס אָדער שבת אינדערפרי.

מען פלעגט זוכן מיליטער-פליכטיקע אָדער איבערהויפּט פאַרדעכטיקע פערזאָנען, ליידן דערפון פלעגט נאַטירלעך צום מייסטן די פרידלעכע באַפעלקערונג, ווייל די באַנדיטן און גנבים האָבן ביי דער הערשנדיקער סיסטעם פון שוחד לייכט געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַזאָרגן מיט „כשרע“ דאָקומענטן. עס זיינען געווען פאַלן, ווען מען האָט פאַרהאַלטן פרויען, וואָס האָבן געלאָזן זייערע עופעלעך אין שטוב און אָפּגעהאַלטן שעהנווייז אין קרימינאַל-פּאָליציי. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ אמתע וואַקכאַנאַליע פון פּאַספּאָרטן. די פּאָליציי פלעגט קרום קוקן אויף די דייטשע אָדער אָסט-פּעסער מיט יידישן טעקסט און פאָדערן פוילישע דאָקומענטן, אין דער צייט ווען דאָס אַרויסגעבן נייע פּאַספּאָרטן איז געווען אַזוי אומגעלומפּערט אַוועקגעשטעלט, אַז טעגלעך פלעגן ווערן ערליידיקט נאָר 80—70 אינטערעסאַנטן. ווער עס האָט געקענט, פלעגן זיך לאָזן קאָסטן עטלעכע הונדערט, אָדער עטלעכע טויזנט מאַרק און דורך פאַרשיידענע מאַכערס באַקומען דעם פּאַס אָן שום שוועריקייטן. די איבעריקע אָבער פלעגן מוזן אָפּשטיין טעג און וואָכן אין דער ריי. אויך אויף אַנדערע געביטן פלעגט זיך לאָזן פילן די הפקרות פון דער אַדמיניסטראַציע. די פּרעסע פלעגט ווערן גערודפט. די ליטווישע צייטונג „ווילניוס“ איז באַשטראָפט געוואָרן דערפאַר, וואָס אין דער צייטונג זיינען געדרוקט געוואָרן אַרטיקלען אין דער פוילישער שפּראַך, רעדאַקטאָרן פלעגן געמשפּט ווערן פאַר אַ אַדמיניסטראַטיוון געריכט, „ווילענסקאָיע סלאָוואָ“ איז פאַרמאַכט געוואָרן אָן שום מאָטיוון; דאָס זעלבע איז געשען מיט דער ליטווישער פרויען-גימנאַזיע אין ווילנע. אויף דער פּראָווינץ איז נאָך געווען פיל ערגער. יעדער באַאַמטער פלעגט זיך ערלויבן אַיינצוטיילן צייטונגען אויף כשרע און ניט כשרע, מען פלעגט אָפּט אַרעסטירן אָדער שלאָגן פאַר האָבן ביי זיך אַ ליטווישע אָדער ווייסרוסישע צייטונג, אין ווילנע גופא פלעגט זיך די פּאָליציי אַריינמישן אין עקאָנאָמישע שטרייקן און אַרעסטירן די סטרייקנדיקע. און דאָך מוז מען מודה זיין, אַז אין פאַרגלייך מיט קאָוונע אָדער אַפילו וואַרשע איז דאָ אין אַ סך זינזיכטן געווען בעסער און פרייער

---

*) די פּאָליציי פלעגט זיך פאַרענטפערן, אז זי מוז זיך פאַרטיידיקן, ווייל די פויערים שיסן אין איר, און דאָס האָט געגעבן אַ גרונד די דייטשע צייטונגען צו פאַרשפּרייטן בבא-מעשיות וועגן אַ ווייסרוסישן אויפשטאַנד קעגן גענ. זשעליגאָווסקי

ענסקי.

# דער סוף פון מיטל־ליטע.

אייגנטלעך איז די אַזוי־גערופענע מיטל־ליטע די גאַנצע צייט פון איר עקסיסטענץ געווען אַ פיקטיווע באַשעפעניש, אַ נאָמען אָן אַ אינהאַלט. אויב אין די ערשטע צייטן האָט די פוילישע רעגירונג אָפיציעל געלייקנט, אַז מיטל־ליטע וואַרפט זיך אונטער די באַפעלן פון וואַרשע, אויב נאָך אין זומער 1921 האָט מען אַ רעדאַקטאָר פון אַ ווילנער יידישער צייטונג ערקלערט אין פרעסע־ביוראָ, אַז ער איז פאַקטיש באַגאַנגען אַ מלוכה־פאַרראַט, שרייבנדיק, אַז זשעליגאָווסקי באַקומט געווער פון וואַרשע, האָבן שוין די פוילישע מלוכה־לייט סוף 1921 ניט געמאַכט קיין סוד פון זייערע באַציאונגען מיט מיטל־ליטע. אין אָקטאָבער 1921 האָט דער דעלעגאַט פון דער פוילישער רעפובליק אין ווילנע, דער פאַקטישער בעל־הבית פון מיטל־ליטע, ערקלערט אַ מיטאַרבעטער פון „אונזער טאָג“:

— אַלס אַ באַפריינדעטע מלוכה אונטערשטיצן מיר מיטל־ליטע פינאַנציעל, מיר גיבן איר הילף סיי אין געלט, סיי אין פּראָדוקטן. איר זייט גערעכט, אויב איר זייט משער, אַז דערביי זאָגט אַרויס די פוילישע רעגירונג אירע וואונטשן. דאָס מוז פוילן טאָן און זי האָט רעכט דערצו צוליב צוויי ־ עמים: קודם־כל, ווער עס באָרגט געלט, האָט ער אַ רעכט אַריינצומישן זיך בנוגע די פראַגן וואָס האָבן אַ שייכות צו זיינע פינאַנסן; אַחוץ דעם זיינען מיר דאָך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מיטל־ליטע, ניט קיין אַנדערער; פאַר אַלע פּאָליטישע מעשים פון מיטל־ליטע טראָגן מיר די אַחריות לגבי אויסלאַנד.

איבעריקנס איז אויך אָן דער דאָזיקער ערקלערונג קלאָר געווען פאַר אויסלאַנד, וועמעס באַפעלן געני. זשעליגאָווסקי האָט אויסגעפירט אין אָקטאָבער 1920.

אין איינעם פון די ביולעטענס פון דער פעלקער־ליגע געפינען מיר שאַרדיניס טעלעגראַמע פון 11־טן אָקטאָבער 1920 צו דער פעלקער־ליגע, אין וועלכער שאַרדיני ווייזט אָן, אַז פּילסודסקי האָט אים דעם 3־טן אָקטאָבער 1920 געזאָגט, אַז ער איז פאַר אַ פּלעביסציט אין ווילנער קאַנט און ער זעט ניט פאָראויס קיין מאַרש פון פוילישן מיליטער אויף ווילנע, אָבער ער קען ניט פאָראויסזען, וואָס וועט דאָס פוילישע מיליטער טאָן אין פאַל פון אַ ליטווישער פּראָוואָקאַציע. פּילסודסקי האָט ערקלערט, אַז אַ דיוויזיע, וואָס באַשטייט פון סאָלדאַטן און אָפיצירן פון ווילנער קאַנט, אָפּערירט אין לידע, און די געפילן פון די דאָזיקע סאָלדאַטן קענען זיי שטויסן צו אומגעריכטע מעשים. ער האָט צוגעגעבן, אַז ווען ער וואָלט ניט געווען קיין מלוכה־שעף, וואָלט ער שוין מיט אַ וואָך צוריק פאַרנומען ווילנע.

סוף 1921 אָבער האָט זיך די פוילישע רעגירונג ביסלעכווייז גענומען אָפּרייסלען פון זשעליגאָווסקין און באַשלאָסן אים אָפּצורופן פון ווילנע, נעמענדיק אין אַכט, אַז זשעליגאָווסקיס אָנוועזנהייט האָט אויפגערייצט די אויסלענדישע מלוכה־לייט. שוין סוף סעפטעמבער איז „קוריער פּאָלסקי“, אַן אָרגאַן וואָס שטייט נאָענט צום פוילישן מיניסטעריום פאַר אויסלענדישע ענינים און זאָגאַר צום מלוכה־שעף אַרויסגעטראָטן מיט אַ שאַרפער קריטיק פון דער פּאָליטיק פון „באַוואָפנטע געשעענע פאַקטן“ אַ־לאַ דעם וואונדערבאַרן מאַרש פון געני. זשעליגאָווסקי, וואָס האָבן לויט דער מיינונג פון „ק. פּ.“ געווירקט אויף דער אומגינסטיקער שטעלונג מצד דער פעלקער־ליגע צו פוילן. די דאָזיקע שטעלונג „וואָלט אויסגעקומען פאַר אונז פּולקום אַנדערש, ווען מיר וואָלטן געקענט, כאָטש סימבאָליש, אויסמעקן דעם דאָזיקן עפּיזאָד פון זכרון פון דער וועלט“.

ווייטער שרייבט „קור. פּאָלסקי“, אַז „די דעמיסיע פון אַ מענטשן, וואָס איז געוואָרן אַ פּערסאָניפיקאַציע פון דער פּאָליטיק פון אָנכאַפּן אין ליטע, פון פּאָסטן פון מיטל־ליטווישן הערשער, וואָלט גלייך געענדערט די דיפּלאָמאַטישע אַטמאָספערע אין דער דאָזיקער פראַגע“.

די פוילישע ווילנער געזעלשאַפט, וואָס האָט אויף אַלע מיטינגען באַזונגען זשעליגאָווסקין, אַלס „באַפרייער פון ווילנע“, האָט גאַנץ רואיק און קאַלטבלוטיק אויפגענומען די ידיעה וועגן זיין דעמיסיע. שוין דעם 12־טן נאָוועמבער האָט זשעליגאָווסקי איבערגעגעבן זיין שפּעטערדיקן „סובערענעם“ נאָכקומער, אַלעקסאַנדער מיישטאָוויטש, די ציוויל־מאַכט אין ווילנער קאַנט. מיישטאָוויטשעס מיסיע איז געווען דורכצופירן די וואַלן צום ווילנער סיים, וועלכער איז אין וואַרשע ווידער באַשלאָסן געוואָרן אין אָקטאָבער 1921, נאָכדעם ווי הימאַנסעס פּראָיעקטן זיינען דורכגעפאַלן. פאַר דער וועלט האָט עס געדאַרפט הייסן: זשעליגאָווסקי איז שוין מער ניטאָ, און במילא קען שוין קיין רייד ניט זיין וועגן אַ וואַלדרוק מצד דער אָקופּאַציע־מאַכט, ווי די ליטווינער האָבן געטענהט. די דאָזיקע באַהויפּטונג פון דער פוילישער פּרעסע איז פאַקטיש געווען אַ קאָמעדיע, ווייל מיט זשעליגאָווסקיס דעמיסיע (אגב איז ער ערשט אָפּגעפאָרן ערב די סאַמע וואַלן, ד. ה. ווען דער גורל פון די וואַלן איז שוין געווען באַשטימט) האָט זיך די לאַגע אין מיטל־ליטע אַבסאָלוט ניט געענדערט. פאַרקערט, איצטער האָט נאָך מער געהערשט די „שטאַרקע האַנט“ פון דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פאַר אינעווייניקסטע ענינים, ה׳ סיענקעוויטש, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן נאָך פאַר מיישטאָוויטשן.

די פּרעסע איז געווען אונטערדריקט. שוין אין מיטן זומער 1921 האָט דאָס פּרעסע־ביוראָ ביי דער צייטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע איינגעלאַדן די רעדאַקטאָרן פון דער ניט־פוילישער פּרעסע אויף אַ ספּעציעלער באַראַטונג, וואו דער שעף, ה׳ טשעסלאַוו יאַנקאָווסקי, כלומרשט אַ דעמאָקראַט, האָט זיי ערקלערט, אַז עס איז פאַרבאָטן צו שרייבן וועגן זאַכן, וועלכע קענען ברענגען שאָדן דער מיטל־ליטווישער מלוכהשאַפט (!). אַזאַ פאָדערונג האָט מען דאַן געשטעלט דער ניט־פוילישער פּרעסע, בעת די מלוכה־צוגעהעריקייט פון ווילנער קאַנט איז געשטאַנען אונטער אַ פראַגע־צייכן און די בעסטע פריינד פון מיטל־ליטע האָבן איר געוואונטשן, אַז זי זאָל וואָס גיכער שטאַרבן בנשיקה... אין פוילנס אָרימס.

דער דעפּאַרטאַמענט־דירעקטאָר ה׳ סיענקעוויטש האָט געהאַט רעכט צו פאַרמאַכן אָן שום מאָטיוון יעדע צייטונג,

וועלכע האָט ביי אים ניט נושא חן געווען, און פון 15־טן אָקטאָבער אָן איז אײַנגעפירט געוואָרן אַ קאָנצעסיע־סיסטעם ביים עפענען נייע צייטונגען, און ווידעראַמאָל האָט סיענקעוויטש געקענט אַנטזאַגן צו געבן אַ ערלויבעניש אויף אַ צייטונג, אָן שום מאָטיוון. קאָנפיסקאַציעס פון צייטונגען זיינען געוואָרן אַ טאָגטעגלעכע ערשיינונג. ניט נאָר די ליטווישע און טיילווייז די יידישע פרעסע, נאָר אפילו די כשרע פוילישע פרעסע איז גערודפט געוואָרן, אויב זי האָט געוואַגט צו זאָגן אַ וואָרט, וואָס איז ניט געפעלן געוואָרן דעם מיטל־ליטווישן סאַטראַפ. למשל, „סלאָוואָ ווילענסקיע", אַן אָרגאַן, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו די מיטל־ליטווישע מיליטערישע ספערן, איז פאַרמאַכט געוואָרן אויף אַ גאַנצן חודש, ווייל זי האָט געוואַגט אַרויסצוטרעטן קעגן טופאַלסקין, דעם דעלעגאַט פון דער פוילישער רעפובליק. זי פלעגט אַרויסגיין אַלע טאָג אונטער אַן אַנדער נאָמען, אָבער זייער אָפט פלעגט מען איר קאָנפיסקירן תיכף נאָכן ערשיינען.

די אויפזיכט איבער דער פרעסע איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ ספעציעל־געשאַפענער פרעסע־אָפטיילונג ביי דער זיכערהייטססעקציע („ווידזיאַל בעזפיעטשענסטוואַ") פון דעפּאַרטאַמענט פאַר אינעווייניקסטע ענינים, פונקט ווי די רעדאַקטאָרן וואָלטן געווען קרימינעלע פאַרברעכער...

אָנהייב אָקטאָבער זיינען דורך דער מאַכט געשלאָסן געוואָרן אַ גרויסער טייל פון די ליטווישע קולטורעלע אוןווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. די ליטווישע פרויען־גימנאַזיע איז פאַרמאַכט געוואָרן, די צווייטע ליטווישע גימנאַזיע איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון דער דירה, דאָסגלייכן —ביידע ליטווישע קינדער־אינטערנאַטן; עס זיינען פאַרמאַכט געוואָרן די ליטווישע באַנק, קאָאָפּעראַטיוו, אַ ז̇קציאָנער ליטוויש־אַמעריקאַניש האַנדלס־הויז, די ליטווישע צייטונג אין ליטוויש „ווילניוס" און אין פויליש „דזוואָן ליטווי".

פאַר די משונהדיקע באַציאונגען, וואָס עס האָבן געהערשט אין דער געבענטשטער מיטל־ליטע, איז העכסט כאַראַקטעריסטיש פאָלגנדיקער צירקולאַר פון דער דעפענסיווע (אַ מין „אָכראַנע"), וואָס איז סוף זומער 1921 געהיים פונאַנדערגעשיקט געוואָרן:

צו קענטעניש פון די קאָמאַנדירן, קאָמוניקאַט פון דער 2־טער אָפטיילונג פון דער 2־טער אַרמיי.

אין די ערשטע טעג פון אַווגוסט איז אין מאָסקווע פאָרגעקומען אַן אַלוועלטלעכער געהיימער צוזאַמענפאָר פון ציוניסטן, אויף וועלכן עס זיינען געקומען פאָרשטייער פון די אָרגאַניזאַציעס אין וואַרשע, בערלין, לאָנדאָן, ניו־יאָרק און באָסטאָן. אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר זיינען אָנגענומען געוואָרן אָט די רעזאָלוציעס:

1) אונטערהאַלטן די ירידה פון פוילישן מאַרק מיט אַלע מיטלען.

2) פירן צו אַנאַרכיע דורך דעזאָרגאַניזירן דאָס פוילישע מיליטער.

3) אַלע סטראַטעגישע פונקטן אויף די באַנען ווי די דעפּאָס, טעלעגראַפן, טעלעפאָנען, וואַרשטאַטן באַזעצן דורך אייגענע מענטשן.

4) פאַרלייכטערן די רעעמיגראַנטן פון ווילנער, גראָדנער און סובאַלקער קאַנטן זיך אומצוקערן קיין פוילן מיטן צוועק אַרויסצורופן אַן אויפשטאַנד צוליב די חרובע דערפער און אונטערהאַלטן די פאַרבינדונג מיט דייטשלאַנד און סאָוועטפיע.

5) פלאַנמעסיק ווענדן דעם שטראָם פון די יידישע מאַסן קיין פוילן, דערהויפּט דורך ראָוונע און באַראַנאָוויטש צוליב אַגיטאַציע־צוועקן און דער רעוואָלוציע, וואָס דאַרף אויסברעכן.

6) צו דעם צוועק זיינען אַסיגנירט געוואָרן מיליאָנען קרעדיטן אויף געהיימע אָרגאַניזאַציעס אין די שטעט און דערפער פון גאַנץ פוילן.

די קוועלע איז: קאָנטר־אויסשפירונג פון דער 2־טער אָפטיילונג פון דער 2־טער אַרמיי.

שעף פון דער 2־טער אָפטיילונג

אָליינישאַקאָווסקי,

קאַפּיטאַן.

דער אונטערגעשריבענער קאַפּ. אָליינישאַקאָווסקי האָט אין אַ בריוו אין „אונזער טאָג" מודה געווען, אַז אַזאַ צירקולאַר איז ווירקלעך פונאַנדערגעשיקט געוואָרן, ער האָט זיך נאָר פאַרענטפערט דערמיט, אַז דאָס איז פאָרגעקומען בעת זיין אָפּוועזנהייט.

אין אַזאַ מין אַטמאָספערע האָבן זיך אָנגעהויבן די הכנות צו די ווילנער סיים־וואַלן. אַז מיט די דאָזיקע הכנות האָט זיך די לאַגע אויף איין האָר ניט געענדערט צום גוטן, באַווייזט פאָלגנדיקע שטעל פון אינטערוויו, וואָס אַ מיטאַרבעטער פון „אונזער טאָג" האָט געהאַט מיטן אויבנדערמאָנטן ה' סיענקעוויטש.

דער זשורנאַליסט האָט געפרעגט:

— מען זאָגט, אַז איר האָט געוואָלט אויסאיבן אַ געוויסן דרוק אויף די פאָרשטייער פון דער יידישער באַפעלקערונג און אפילו געדראָט מיט עקסצעסן אין פאַל, ווען די יידישע באַפעלקערונג וועט ניט גיין צו די סיים־וואַלן?

דערויף האָט סיענקעוויטש געענטפערט:

— וואָס איז שייך די קלאַנגען, אַז איך האָב געדראָט מיט עקסצעסן, ערקלער איך, אַז דאָס איז ניט אמת. אַלס אַ פאָרשטייער פון דער מאַכט וועל איך אָננעמען אַלע מיטלען, אַז אַזעלכע פאַקטן זאָלן אין קיין פאַל ניט געשען און וועל ענערגיש אונטערדריקן יעדן מיין צו באַגיין גוואַלדטאַטן. צי וועלן אָבער אַזעלכע פּאַסירונגען בכלל האָבן אַן אָרט, איז ביי דער אימפּולסיוויטעט פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, שווער פאָראויסצוזען.

די לעצטע ווערטער אין מויל פון מיטל־ליטווישן סאַטראַפּ קלינגען ווי אַ אָפענע פּאָגראָם־דראָאונג. אַזוי האָט עס טאַקע פאַרשטאַנען די דעמאָקראַטישע ווילנער פוילישע צייטונג „גאַזעטאַ קראַיאָוואַ". סיענקעוויטש גופא האָט דעם עצם פאַקט ניט אָפּגעלייקנט.

די באַשטימונג פון וואַלן צום סיים איז אָבער ניט צוגעגאַנגען אַזוי פשוט. ערשטנס האָט מען זיך געאַמפּערט וועגן נאָמען: צי דאַרף עס זיין אַ סיים, ווי די בעלוועדער־לייט (פּילסודסקיס אָנהענגער) האָבן געוואָלט, אָדער אַ נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, ווי די ענדעקעס האָבן געפאָדערט. דאָ האָט זיך געהאַנדלט ניט נאָר אין דעם אָדער יענעם נאָמען. די פראַגע איז געשטאַנען אַ סך טיפער. פּילסודסקיס ריכטונג האָט אמת, אונטערן דרוק פון ליטעס אָפּזאָג, זיך געמוזט אַנטזאַגן פון אירע פעדעראַליסטישע פּלענער, דערפאַר אָבער האָט זי געפאָדערט, אַז ווילנער קאַנט זאָל באַקומען אַווטאָנאָמיע, ווייל אַנדערש, האָט זי פאַרשטאַנען, וועט די אַנטאַנטע בשום אופן ניט אָנערקענען פּוילנס הערשאַפט אין ווילנע. זי האָט דעריבער געפּלאַנט צו פאַרוואַנדלען דעם ס״ם אין אַן אָרגאַן פון דער אַווטאָנאָמישער אָרדענונג. דערקעגן־זשע די ענדעקעס האָבן ניט געוואָלט הערן פון קיין שום אַווטאָנאָמיע, ווייל זיי האָבן געשטרעבט צו פאַרגוואַלטיקן און אויסראָטן די ניט־פוילישע מערהייט פון ווילנער קאַנט און די פוילישע מזרח־„קרעסן" בכלל, און דעריבער זיינען זיי געווען בלויז פאַר אַ איינטאָגיקער זעלבסטבאַשטימענדיקער פאַרזאַמלונג, וואָס זאָל זיך אַרויסזאָגן אויף איין פוס „דאָ פּאָלסקי" און פאָרן אַהיים, דעלעגירנדיק דעפּוטאַטן צום וואַרשעווער סיים.

נאָך אַ פראַגע איז אַרויפגעשוואומען — די פראַגע פון דער וואַל־טעריטאָריע. ווי באַוואוסט, האָט לויט זשעליגאָווסקיס ערשטן

מאַניפעסט, מיטל־ליטע געדאַרפט האָבן די גרעניצן, וועלכע עס האָט פעסטגעשטעלט דער רוסיש־ליטווישער אָפּמאַך פון 12־טן יולי 1920, הכלל געדאַרפט אַרומנעמען אויך לידער, בראַצלאַווער, גראָדנער געביט און אַנד. דאָס מיטל־ליטווישע מיליטער איז אָבער פון פוילן ניט דערלאָזן געוואָרן אין די אויבנדערמאָנטע קרייזן, און דער וואַרשעווער סיים האָט זיי שפּעטער, דעם 4־טן פעברואַר 1921, אינקאָרפּאָרירט אין פוילן.

איצטער אָבער, אונטער דער השפּעה פון דער פראַנצויזישער רעגירונג און פּאָלקאָווניק שאַרדיני, פּאָרזיצער פון דער קאָנטראָל־קאָמיסיע פון דער פעלקער־ליגע, האָט פּילסודסקי ווידער געפּאָדערט באַדייטנד צו פאַרגרעסערן די וואַל־טעריטאָריע.

די בעלוועדער'שע פּרעסע, ווי „קוריער פּאָראַנני" און „קוריער פּאָלסקי" האָט אים אונטערשטיצט, באַהויפּטנדיק, אַז דער ריגער טראַקטאַט האָט פוילן ניט געגעבן קיין פאָרמעלע רעכט אויף אַלע מזרח־געביטן, און אַז די אינקאָרפּאָראַציע איז נאָר געווען אַ צייטווייליקע — ביז דער פאָלקס־אָפּשטימונג. די ענדעקעס האָבן געליאַרימט, אַז פּילסודסקיס פּראָיעקט באַטייט אַ נייע צעטיילונג פון פוילן; און די מערהייט פון וואַרשעווער סיים איז געווען קעגן פּילסודסקיס פּראָיעקט. בלויז פּילסודסקיס התראה זיך אָנצוגעבן אין דעמיסיע און זיין נאָכגיביקייט האָט געראַטעוועט די לאַגע, אַגב מיט די שטימען פון די יידישע דעפּוטאַטן אין וואַרשעווער סיים. מען איז דורכגעקומען צווישן זיך, אַז אַחוץ דער אייגנטלעכער מיטל־ליטע דאַרפן די וואַלן פאָרקומען אויך אין בראַצלאַווער און גרעסטן טייל פון לידער קרייז.

ווי עס פירט זיך אָבער אין פוילן, האָבן די אַווטאָנאָמיסטן נאָך פריער געוואָלט שטעלן די פּוילישע געזעלשאַפט פאַר אַ געשעענעם פאַקט און אָפּדרוקן בשתיקה דעם דעקרעט וועגן דורכפירן וואַלן אויף אַ פאַרברייטערטער טעריטאָריע. די ענדעקעס האָבן עס אָבער געכאַפּט אין דער דרוקעריי און צונישט געמאַכט די אַווטאָנאָמיסטישע פּלענער.

---

## II.

צוליב די אַלע מאַכינאַציעס און קאָמבינאַציעס האָט זיך פאַרצויגן אויף עטלעכע וואָכן די פאַרעפנטלעכונג פון וואַל־דעקרעט. נאָך איין סיבה איז געווען פאַר דער פּוילישער רעגירונג ניט ווייניקער וויכטיק, ווי די ערשטע, וועלכע האָט אָפּגעהאַלטן די חאַלן — דאָס איז די פראַגע פון יידישן אָנטייל אין די סיים־וואַלן.

די יידישע בירגערלעכע כלל־טוער, מיט וועמען די מיטל־ליטווישע רעגירונג האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען, האָבן געטענהט, אַז זיי קענען ניט פאָראויסזאָגן, צי די יידן וועלן גיין אין סיים, כל־זמן זיי האָבן ניט די וואַל־אָרדינאַציע און ווייסן ניט, וואָס דער סיים וועט דאַרפן טאָן, און אויף וויפיל די וואַלן וועלן זיין פריי. דערקעגן די רעגירונג האָט אַליין ניט געהאַט אָדער ניט געוואָלט האָבן קיין קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן די אויפגאַבן פון ווילנער סיים און אין אַ געוויסער מאָס איבערגעלאָזן די דאָזיקע פראַגע דעם קומענדיקן סיים גופא, כדי גענויער צו באַלייכטן די בירגערלעכע יידישע שטעלונג, ברענגען מיר דאָ דעם באַריכט פון דער באַראַטונג, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 17־טן נאָוועמבער ערב דעם אָנהייב פון דער וואַל־קאַמפּאַניע אין רעדאַקציע פון דער פּוילישער דעמאָקראַטישער צייטונג „גאַז. קראַיאָוואַ".

פון די יידן זיינען געווען ד"ר שאַבאַד, ד"ר וויגאָדסקי, ה' יונה שאַפּיראָ, אינזש. שפּיראָ, אַדוו. גאָרדאָן און אַדוו. וויגאָדסקי. פון די פּאָליאַקן — ביידע כאָמינסקיס, דער שעף פון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג פון גענעראַל זשעליגאָווסקיס קאַנצעלאַריע, ה' אָקוליטש און אַנד.

דער רעדאַקטאָר פון „גאַז. קראַיאָוואַ", ה' לודוויק כאָמינסקי, באַהויפּט, אַז אין די אינטערעסן פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן ליגט צו גיין אין סיים.

ד"ר שאַבאַד אינפאָרמירט זיך ווי עס וועלן פאָרקומען די וואַלן אויף דער פּראָווינץ און צי וועלן זיך קענען פאַראייניקן עטלעכע שטעטלעך אינאיינעם צו די וואַלן, וואָרים מען וועט דאָך דאַרפן האָבן 7000 וויילער אויף אויסצוקלייבן 1 דעפּוטאַט. די יידישע שטעטלעך, וועלכע האָבן ניט אַזאַ גרויסע באַפעלקערונג, וועלן דאָך אַזוי־אַרום ניט האָבן די פאַקטישע מעגלעכקייט צו ווירקן אויף די וואַלן.

ה' אָקוליטש ענטפערט, אַז די אויסאַרבעטונג פון דער וואַל־טעכניק איז נאָך אין גאַנג און, צום באַדויערן, קען ער לעת־עתה דערויף ניט ענטפערן.

ד"ר וויגאָדסקי ווייזט אָן בכלל, אַז די לאַגע פון די יידן ביי דער פראַגע — צו ליטע אָדער פוילן, — איז זייער אַ שווערע. צי זאָלן זיי שטימען פאַר די, וואָס האָבן זיי געגעבן כמעט אַלע רעכט, אָדער פאַר די, וואָס האָבן זיי די דאָזיקע רעכט ניט געגעבן. גיין מיט די צווייטע וואָלט געווען אַן אָפּזאָג פון נאַציאָנאַלע רעכט בכלל. יידן דעריבער קענען זיך ניט באַטייליקן אין אַזאַ סיים, וואָס זיין גאַנצע עובדא וועט באַשטיין אין געבן בלויז אַ תשובה: „צו פוילן" אָדער ניט, ווייל דעם ענטפער פון סיים קען מען וויסן אויף פאָראויס.

ה' יונה שאַפּיראָ ווייזט אָן, אַז אויב די פעדעראַליסטן מיינען דאָס ערנסט מיטן פעדעראַליזם און זיי האָפן, אַז דער סיים וועט זיין דער אָרגאַן, וועלכער וועט פירן צו דעם פעדעראַליזם, וואָלטן דאָך געדאַרפט אָנגעווענדט ווערן אַלע כוחות אויף דעם, אַז אין דעם סיים זאָלן נעמען אַן אָנטייל אויך די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן. אויב אין דעם סיים וועלן זיין נאָר פּאָליאַקן און אַפילו אַ ביסל יידן, וועט דאָך דאָס זיין ניט קיין אָפּשפּיגלונג פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. מיט וואָס וועלן די רעזאָלוציעס פון סיים האָבן מער מאָראַלישע וואָג, ווי אַ געוויינטלעכער פּוילישער מיטינג, אויף וועלכן עס ווערט אַרויסגעטראָגן אַ רעזאָלוציע „דאָ פּאָלסקי"? ביי די איצטיקע באַדינגונגען איז אָבער שווער צו האָפן, אַז די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן זאָלן וועלן גיין אין סיים, באַנוגנדיק זיך מיט די פרייהייטן פאַר די וואַלן, ווי ברייט די דאָזיקע פרייהייטן זאָלן ניט זיין. דאָ פאָדערט זיך ניט קיין וואַל־פרייהייט, נאָר פרייהייט צוצוגרייטן אַ באָדן פאַר יעדער נאַציאָנאַליטעט. אויף דעם דאַרף מען האָבן לכל־הפחות אַ משך פון עטלעכע חדשים, אין וועלכע עס דאַרף געגעבן ווערן די אַלע אָרטיקע נאַציאָנאַליטעטן דאָס רעכט צו אַנטוויקלען דעם מאַקסימום פון זייער ווירקונג איבער זייערע מאַסן. דאָס וואָלט אייגנטלעך געווען אַ מין ערזאַץ פון נייטראַליזירונג פון דעם קאַנט, וועלכער וואָלט אין אַ געוויסער מאָס געקענט צופרידנשטעלן די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן און ווירקן אויף זיי, אַז זיי זאָלן נעמען אַן אָנטייל אין סיים. ה' י. שאַפּיראָ לייגט פאָר קאָנקרעט: אָפּלייגן די וואַלן אויף נאָך עטלעכע חדשים, געבן די פולשטענדיקע פרייהייט אַלע נאַציאָנאַליטעטן צו אַנטוויקלען זייער אַגיטאַציע, אָפיציעל גאַראַנטירן די פולשטענדיקע אומבאַרירלעכקייט פון די מענטשן, וועלכע וועלן זיך פאַרנעמען מיט אָט דער אַגיטאַציע וכדומה. דער רעדנער ענדיקט דערמיט, אַז ער זעט ניט קיין מעגלעכקייט און קיין נוצן פאַר יידן צו גיין אין סיים אין דעם פאַל, ווען די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן וועלן דאָרטן ניט זיין. די קליינע מינדערהייט פון די יידן וועט דאָרטן פּשוט פאַרטרונקען ווערן אין דער גרויסער פּוילישער מערהייט.

די פוילישע רעדנער האָבן געפּרובט דערווייזן, אַז די פּאָר חדשים, וואָס עס זיינען געבליבן צו די וואַלן, זיינען גאַנץ גענוג.

ה׳ אָקוליטש מיינט, אַז די יידן דאַרפן יאָ גיין אין סיים, כדי אונטערצושטיצן די פּראָגרעסיווע עלעמענטן אין זייער קאַמף פאַרן וואוילשטאַנד פון זייער קאַנט.

אינזשעניער שפּירא זאָגט זיך אַרויס דערפאַר, אַז די פּוילישע לינקע פּאַרטייען האָבן געדאַרפט דעקלאַרירן וועגן די הנחות, וועלכע זיי רעכענען פאַרצולייגן די יידן, און דאַן אויף אַ געמיינזאַמער זיצונג דעם ענין באַטראַכטן.

די פּאָליאַקן האָבן זיך אָן דעם פאָרשלאָג אָנגעכאַפּט און צוגעזאָגט אויף אַ צווייטער זיצונג מיטצוברענגען קאָנקרעטע פאָרשלאָגן.

אויף וויפיל אָבער מיר ווייסן, איז מער כאַרן אָנהייב פון דער וואַל-קאַמפּאַניע קיין יידיש פּוילישע באַראַטונג ניט פאָרגעקומען, פשוט דערפאַר, ווייל קיין קאָנקרעטע פּלענער האָט די מיטל-ליטווישע רעגירונג ניט געקענט צושטעלן, וואָרים זי איז געווען אָפּהענגיק פון וואַרשע.

די ווייסרוסן, אַלנפאַלס דער באַוואוסטזיניקער טייל, האָבן אויך געהאַט אַ קלאָרע שטעלונג, וואָס האָט זיך טיילווייז אויסגעדריקט אין פאָלגנדיקער רעזאָלוציע פון ווייסרוסישן צוזאַמענפאָר, וועלכער איז זיך דעם 25-סטן סעפּטעמבער 1921 צונויפגעקומען אין פּראָג:

„דער צוזאַמענפאָר באַשליסט, אַז וועגן גורל פון ווילנע דאַרף דעצידירן אַ ספּעציעל צו דעם צוועק צונויפגערופענע ווייסרוסישע געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג. דער צוזאַמענפאָר פּראָטעסטירט קעגן דעם, אַז די ווייסרוסישע נאַציאָנאַליטעט זאָל באַטראַכט ווערן אַלס אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט אין ווילנער קאַנט.

„ער אָנערקענט, אַז דאָס ליטווישע פאָלק איז שטענדיק געווען אַ גוטער פריינד פון ווייסרוסלאַנד און האָפט, אַז ביידע פעלקער וועלן לעבן צווישן זיך בשלום, און ווילנע אַלס די אַמאָליקע ווייסרוסיש-ליטווישע הויפּטשטאָט פון ליטווישן גרויס-פירשטנטום וועט צונויפשמידן דאָס ליטווישע און ווייסרוסישע פאָלק.

„די פּאָליאַקן האַלטן 100,000 קוו.-קילאָמעטער ווייסרוסישע ערד, די רדיפות, וואָס די ווייסרוסן שטייען אויס אין געביט פון דער פּוילישער אָקופּאַציע, זיינען אַזוי שרעקלעך, אַז זיי דערמאָנען אָן די פינסטערסטע צייטן פון מיטלעלטער.

„די פּאָליאַקן שטרעבן ניט נאָר צו אונטערדריקן די ווייסרוסישע קולטור, נאָר זיי ווילן אינגאַנצן אויסראָטן דעם ווייסרוסישן שטאַם. די נאַציאָנאַל-פּאָליטישע קאָנפערענץ פאָדערט אויף אַלע ציוויליזירטע פעלקער פון דער וועלט צו פּראָטעסטירן קעגן די מעשים פון די פּוילישע אָקופּאַנטן און פאָדערט צוריקציען פּוילן אין אירע עטנאָגראַפישע גרעניצן".

די פּוילישע מאַכט האָט אָבער באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז דורכצופירן די וואַלן און דעם 30-טן נאָוועמבער איז ענדלעך אונטערגעשריבן געוואָרן פאָלגנדיקער דעקרעט וועגן וואַלן צום ווילנער סיים (כאַראַקטעריסטיש איז, אַז אין דעקרעט גופא איז דאָס וואָרט סיים ניט דערמאָנט געוואָרן):

### דעקרעט פון אייבערקאָמאַנדיר פון מיטלליטווישן חייל

פון 30-טן נאָוועמבער 1921 וועגן באַשטימען דעם טאָג פון וואַלן צום סיים אין ווילנע, אַלס פאַרזאַמלונג פון פאָרשטייער פון ווילנער קאַנט, כדי אויסצודריקן דעם רצון פון זיין באַפעלקערונג, און וועגן איבערגעבן די סובערענע מאַכט דעם פאָרזיצער פון דער ציטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע ה׳ אַלעקסאַנדער מיישטאָוויטש.

פאַר דעם טאָג פון די וואַלן צום סיים אין ווילנע, אַלס פאַרזאַמלונג פון די פאָרשטייער פון ווילנער קאַנט, כדי אויסצודריקן דעם רצון פון דער באַפעלקערונג, באַשטים איך דעם 8-טן יאַנואַר פון יאָר 1922.

צוליב אַלגעמיין-פּאָליטישע פאָדערונגען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער איצטיקער סיטואַציע און די וואַלן צום סיים אין ווילנע, וואָס דאַרפן פאָרקומען, טראָג איך איבער אויפן פאָרזיצער פון דער ציטווייליקער רעגירונגס-קאָמיסיע ה׳ אַלעקסאַנדער מיישטאָוויטש די גאַנצע סובערענע מאַכט איבער מיטל-ליטע (דעקרעט נום. 1 פון 12 אָקטאָבער 1920 ווען איינשטעלן די מאַכט אין מיטל-ליטע). באַזונדער גיב איך איבער אַרויסצוגעבן אַ דעקרעט בנוגע דער וואַל-אָרדינאַציע, די באַאַרבעטונג פון וועלכער איז איבערגעגעבן געוואָרן דער ציטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע לויט מיין דעקרעט פון 24-סטן נאָוועמבער ד. י. און כרוי אים אָן אַלע ענינים, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן צונויפרופן דעם סיים אין ווילנע.

### ל. זשעליגאָווסקי

אייבערקאָמאַנדיר פון מיטלליטווישן חייל.

מיישטאָוויטש גופא האָט שוין שפּעטער אונטערגעשריבן די וואַל-אָרדינאַציע, לויט וועלכער וואַל-רעכט האָבן אַלע פּערזאָנען, וואָס האָבן געענדיקט 21 יאָר פאַרן 1-טן נאָוועמבער 1921 און באַפרידיקן איינע פון אָט די פאָדערונגען:

1) זיינען פאַרשריבן אין די ביכער פון דער שטענדיקער באַפעלקערונג פון וועלכן עס איז פּונקט פון דער וואַל-טעריטאָריע.

2) איז געבאָרן אויף דער וואַל-טעריטאָריע.

3) האָט דאָרטן געוואוינט פאַר 1-טן אַווגוסט 1914 ניט ווייניקער פון 5 יאָר, אויב ער איז ניט געווען קיין רוסישער באַאַמטער.

4) האָט אַ נחלה אויף דער וואַל-טעריטאָריע, אויב ער האָט דאָרטן געוואוינט פאַר 1-טן יאַנואַר 1919.

5) האָט געוואוינט אויף דער וואַל-טעריטאָריע פון דעם 1-טן יאַנואַר 1918.

6) אַרבעט אין אַ זעלבסטפאַרוואַלטונגס-אינסטיטוציע.

7) אַרבעט אין אַ מלוכה-אינסטיטוציע, און האָט געהאַט אַ מלוכה-שטעלע אויך פאַרן 9 אָקטאָבער 1920 אויף דער וואַל-טעריטאָריע.

8) איז געקומען פון רוסלאַנד נאָכן 12-טן אָקטאָבער 1920 אויפן גרונד פון ריגער אָפּמאַך און האָט באַקומען אַן ערלויבעניש פון זייער ראַיאָן-וואַל-קאָמיסיע לויטן פאָרשלאָג פון די זעלבסטפאַרוואַלטונגס-אָרגאַנען.

דאָס וואַל-רעכט גייט אויך איבער אויף די פרויען.

עס איז ערלויבט צו שטימען נאָר אין איין וואַל-ראַיאָן.

מיליטער-לייט און די באַאַמטע פון דער אויסערלעכער פּאָליציי נעמען ניט קיין אָנטייל אין די וואַלן.

קיין וואַל-רעכט האָבן ניט פּערזאָנען, ביי וועלכע דאָס געריכט האָט צוגענומען אָדער באַגרעניצט זייערע רעכט, אַחוץ פאַרמשפּטע פאַר פּאָליטישע פאַרברעכנס, ווי אויך פּערזאָנען, וואָס געפינען זיך אונטער אַ אַפּוטרופּסות.

אָפּגעבן די שטימען מוז מען פּערזענלעך, קראַנקע און קאַליקעס מעגן שטימען דורך דער פאַרמיטלונג פון אַנדערע פּערזאָנען.

אויסגעקליבן מעגן ווערן אַלע פּערזאָנען, וואָס האָבן וואַל-רעכט ווי אויך מיליטער-לייט און די פּאָליציי, וואָס אַנטשפּרעכן די אויבנדערמאָנטע באַדינגונגען פון דער וואַל-אָרדינאַציע.

ווילנער קרייז ווייַלט 26 דעפּוטאַטן, סווענציאַנער 19, אָשמענער 11, טראָקער 13, לידער 25, בראַצלאַווער 9, ווילנע (שטאָט) — 13, צוזאַמען 121 דעפּוטאַטן.

די וואַל-פּראָצעדור קומט פאָר: דעם 5-טן דעצעמבער דער

ערשטער טאָג פון דער וואַל-קאַמפּאַניע, דעם 16-טן ווערן אַריינגעטראָגן די וואַל-ליסטעס, דעם 19-טן ווערן באַשטעטיקט די ליסטעס פון די וויילער, דעם 20, 21 און 22 קען מען אַריינטראָגן אָנקלאָגן, דעם 23-טן ווערן אַריינגעטראָגן מעלדונגען וועגן וואַל-בלאָקן, דעם 30-סטן ווערן פּובליקירט די קאַנדידאַטן-ליסטעס.

ווי עס איז צו זען פון דער וואַל-אָרדינאַציע, שטעלט זי אין אַ פּריוויליגירטער לאַגע די פּוילישע באַפעלקערונג, וועלכע האָט די גרעסטע צאָל אָנגעשטעלטע אין די זעלבסטפאַרוואַלטונגס-אינסטיטוציעס און אין די רעגירונגס-אינסטיטוציעס, דאָס געבן וואַל-רעכט די געקומענע פון רוסלאַנד הענגט אויך אָפּ פון די זעלבסטפאַרוואַלטונגס-אָרגאַנען.

פאַר די וואַלן האָט די פּוילישע רעגירונג געמאַכט אַ אָנשטעל פון פּרעסע-פרייהייט און אָפּגעשאַפט די קאָנצעסיע-סיסטעם, ערלויבנדיק אַרויסצוגעבן אַ נייע צייטונג אין משך פון 5 טעג נאָכן אָנגעבן אַ מעלדונג וועגן דעם. דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז, אַז די דאָזיקע פאַראָרדענונג, אונטערגעשריבן דעם 10-טן דעצעמבער, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערשט דעם 15-טן און דעם 16-טן האָט מען שוין געדאַרפט אַריינטראָגן די וואַל-ליסטעס. אָט אַזוי האָט אויסגעקוקט די פּרעסע-פרייהייט, וועגן וועלכער מען האָט צעפויקט איבער דער גאַנצער וועלט. אגב האָט די מאַכט נאָך אָנהייב דעצעמבער איינס נאָכן אַנדערן קאָנפיסקירט די ליטווישע איינטאָגיקע אויסגאַבן, זאָגאַר איידער דעם באַווייזן זיך אין פאַרקויף, וואָס ס׳האָט סותר געווען אפילו די עקסיסטירנדיקע תקנות.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען זיינען ניט נאָר די ליטווינער, נאָר אפילו די ווייסרוסן און יידן אָפיציעל ניט געגאַנגען צו די וואַלן. דערביי האָבן זיי פאַרעפנטלעכט דעקלאַראַציעס, וואו זיי האָבן ערקלערט זייער שטעלונג:

אין דער ווייסרוסישער דעקלאַראַציע ווערט געזאָגט: נעמענדיק אין אַכט, אַז 1) פּויליש-ווייסרוסלאַנד איז קינסטלעך פונאַנדערגעטיילט אויף מיטל-ליטע און פּוילישער טעריטאָריע, 2) אַז אין פּויליש-ליטווישן סכסוך ווערט אַבסאָלוט ניט אויסגעהערט די ווייסרוסישע שטים, 3) אַז די מאַכט געפינט זיך בלויז ביי די פּאָליאַקן אין די הענט, 4) אַז די פונקציעס פון סיים זיינען אָפיציעל ניט פעסטגעשטעלט, 5) אַז עס ווערט געפירט אַ אויסראָטונגס-פּאָליטיק לגבי די ווייסרוסן, 6) אַז נאָך אַ דריי-יעריקן דרוק איז אוממעגלעך דורכצופירן אומפּאַרטייאישע וואַלן, בפרט נאָך אַז עס איז ניט פאַראַן קיין וואַל-פרייהייט, — ערקלערט דער ווייסרוסישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט, אַז זיין אָנטייל איז מעגלעך נאָר דאַן, ווען די מאַכט וועלן האָבן די פאָרשטייער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, און די וואַלן זאָלן אַרומנעמען אַלע געביטן פון ווייסרוסלאַנד, וואָס זיינען איבערגעגאַנגען צו פּוילן.

די יידן האָבן דעם 12-טן דעצעמבער צוגעשיקט פאָלגנדיקע דעקלאַראַציע (די אַרבעטער-פּאַרטייען האָבן די דעקלאַראַציע ניט אונטערגעשריבן):

„די אונטן געחתמעטע יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס מעלדן דערמיט: 1) אַז די יידן אַלס בירגער פון אונזער קאַנט, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט אים מיט אומצערייסלעכע בענדער און וועלכע זיינען צוזאַמען מיט די איבעריקע מיטבירגער פאַראינטערעסירט אין דער אַנטוויקלונג און אויפבויאונג פונם קאַנט, האַלטן פאַר זייער חוב צו באַטייליקן זיך אין אַ געזעצגעבנדיקן סיים, וואָס זאָל צוזאַמענגערופן ווערן אויף דעמאָקראַטישע יסודות און וואָס זאָל האָבן אַלס אויפגאַבע צו רעגולירן דאָס אינעווייניקסטע לעבן פון קאַנט (אויסצואַרבעטן אַנטשפּרעכנדיקע געזעצגעבנדיקע נאָרמען און די פאַרווירקלעכונג פון די איבעריקע רעכט, וועלכע געהערן אַזעלכע אָרגאַנען פון פאָלקס-פאָרשטייערשאַפט). 2) אַז די יידן וואָלטן געהאַלטן פאַר זייער חוב צו באַזייליקן זיך אין אַ פּלעביסציט צו באַשליסן די פראַגע וועגן דער מלוכה-צוגעהעריקייט פון אונזער קאַנט, ווען עס וואָלטן געשאַפן געוואָרן די נייטיקע באַדינגונגען, וואָס זאָלן קענען פאַרזיכערן די ריכטיקייט פון זיין דורכפירונג. 3) די לייזונג פון דער פראַגע וועגן דעם, צי זאָלן זיך יידן באַטייליקן אין סיים, וואָס ווערט איצטער צונויפגערופן, קען פאָרקומען נאָר נאָכדעם ווי עס וועט זיין פאַרעפנטלעכט אַ ספּעציעלער דעקרעט, וואָס זאָל באַשטימען די קאָמפּעטענץ און די אויפגאַבן פונם סיים.

אונטערגעשריבענע גרופּן און פּאַרטייען:

1) די ציוניסטישע פּאַרטיי.
2) די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי.
3) דער יידישער אַלגעמיינער סוחרים-פאַרבאַנד.
4) דער יידישער אַלגעמיינער האַנטווערקער-פאַרבאַנד.
5) די צעירי-ציוניסטישע פּאַרטיי.

די ליטווינער האָבן ערקלערט:

1) די ביז איצטיקע 3-יאָריקע טעטיקייט פון דער פּוילישער אַדמיניסטראַציע האָט באַוויזן, אַז די פּוילישע מאַכט און דער אָרגאַניזירטער טייל פון דער פּוילישער געזעלשאַפט אונטערדריקן און רודפן די ליטווינער ערגער פון די אַמאָליקע אונטערדריקער, ניט פאַרבאַהאַלטנדיק זייער ווילן אויסצוראָטן דעם ליטווישן עלעמענט אין ווילנער קאַנט.

2) די פּוילישע געזעלשאַפט אָרגאַניזירט אַ סיים, כדי אויסנוצנדיק די אָקופּאַציע-מיטלען און דעם מאָנאָפּאָל אויף פּאָליטישער אַרבעט, צו צווינגען ווילנער קאַנט צו פאַראייניקן זיך מיט פּוילן און שפּעטער אים צו פּאָלאָניזירן. ביי אַזעלכע באַדינגונגען וועט דער סיים אויסדריקן נאָר די מיינונג פון דער מינדערהייט, וואָס איז באַאַרבעט געוואָרן פון פּוילישע אַגיטאַטאָרן און וועט אָפּהאַלטן די פאַראייניקונג פון ווילנער קאַנט מיט ליטע און אַזוי אַרום פאַרשווערן די סיטואַציע פון ליטע און איבערהויפּט פון די ווילנער ליטווינער.

צוליב די אויבנדערמאָנטע מאָטיוון וועט די ליטווישע געזעלשאַפט, ניט וועלנדיק אַרויסטרעטן קעגן איר פאָלק און פאָטערלאַנד, ניט נעמען קיין אָנטייל אין די וואַלן.

פון איר זייט האָט די ליטווישע רעגירונג צוגעשיקט דער פעלקער-ליגע פאָלגנדיקע פּראָטעסט-נאָטע קעגן די וואַלן צום ווילנער סיים:

„נעמענדיק אין אַכט, אַז 1) אַ גערעכטער רעפערענדום קען פאָרקומען נאָר ביי פולער פרייהייט פון דער אָפּשטימונג, ווי עס האָט באַשלאָסן די פעלקער-ליגע דעם 28-טן סעפּטעמבער 1920, 2) אַז דאָס ווענדן זיך צו דער באַפעלקערונג בעת דער שליטה פון דער אָקופּאַציע קען באַטראַכט ווערן אַלס המשך פון דער דאָזיקער שליטה, 3) אַז דאָס פּוילישע מיליטער אָקופּירט שוין ווילנע דעם דריטן יאָר, 4) אַז די אַדמיניסטראַציע געפינט זיך פולשטענדיק ביי די אָקופּאַנטן אין די הענט, 5) אַז דאָס באַזייטיקן בלויז איין זשעליגאָווסקין ענדערט אַבסאָלוט גאָרניט, 6) אַז די פּוילישע רעגירונג האָט איינגעפירט אַן אמתן טעראָר קעגן די איינוואוינער, וואָס ריידן ניט פּויליש, 7) אַז עס זיינען ניט נאָר אונטערגעגאַנגען די ליטווישע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, ווייל די ניט-פּוילישע טוער זיינען פאַרטריבן געוואָרן, נאָר עס זיינען אויך פאַרניכטעט געוואָרן די ליטווישע עקאָנאָמישע און קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס, ווי עס האָט באַוויזן דער פּאָגראָם פון די ליטווישע אינסטיטוציעס אין אָקטאָבער ה. י., 8) אַז מען האָט אויך פאַרניכטעט די ווייסרוסישע פּאָליטישע און קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס, 9) אַז די ליטווישע, ווייסרוסישע און יידישע פּרעסע האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין פרייהייט אונטערן דרוק פון די אָקופּאַנטן, 10) אַז עס איז ניט פאַראַן קיין שום מעגלעכקייט צו פירן

וועלכע עס איז אַגיטאַציע פאַר ליטע, 11) אַז אַ אַנטי=ליטווישע פּראָפּאַגאַנדע ווערט געפירט אָפן מיט דער הילף פון ספּעציעלע אָרגאַניזאַציעס, ווי למשל, „דער פאַרבאַנד פון לאַנד=פאַרטיידיקונג", „סטראַזש קרעסאָוואַ", „דער פאַרבאַנד צו פאַרטיידיקן דעם ווילן פון דער באַפעלקערונג" און אַנד. 12) אַז די וואַל=הכנות קומען פאָר אין אַזעלכע באַדינגונגען, וואָס מאַכן בולט די פאַלסיפיקאַציע פון דעם ווילן פון דער באַפעלקערונג. — פּראָטעסטירט די ליטווישע רעגירונג קעגן אַזעלכע וואַלן און ערקלערט אויף פאָראויס, אַז אויב אפילו דער סיים זאָל צושטאַנדקומען, וועט ער ניט האָבן קיין שום ווערט".

גלייכצייטיק האָט דער ליטווישער מיניסטער פאַר אויסלענדישע ענינים פּוריצקיס סוף נאָוועמבער אַרויסגעשיקט אַדוואָקאַט שמשון ראָזנבוימען, סיים=דעפּוטאַט און פאָרזיצער פון יידישן נאַציאָנאַל=ראַט אין ליטע קיין וואַרשע, כּדי פעסטצושטעלן, אויף וויפיל עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט פון אַ פאַרשטענדיקונג.

ראָזנבוים גופא האָט אָט וואָס דערציילט אַ מיטאַרבעטער פון „היינט" וועגן זיין נסיעה:

„איך בין ניט געקומען אין שליחות פון דער קאָוונער רעגירונג, איך האָב פּריוואַט געשמועסט מיטן פּוילישן גענעראַל=קאָנסול אין קעניגסבערג, דער לעצטער האָט זיך פאַרשטענדיקט מיטן פּוילישן מיניסטער פאַר אויסלענדישע ענינים סקירמונטן און מיט אַ וואָך צוריק האָב איך דורכן פּוילישן גענעראַל=קאָנסול באַקומען אַ איינלאַדונג פון סקירמונטן צו קומען קיין וואַרשע. איך בין געקומען צו פאָרן, גלויבנדיק אין דער מעגלעכקייט פון אַ פאַרשטענדיקונג צווישן דער פּוילישער און ליטווישער רעגירונג. איך וועל אויספאָרשן דאָ אויפן אָרט די לאַגע. ליטע וויל קומען צו וועלכן עס איז אויסגלייך, אַזוי ווי דאָס יידישע שפּריכוואָרט זאָגט: בעסער איין גוטער פריינד, איידער צוויי שונאים.

„איך האַלט, אַז אַ דירעקטע פאַרשטענדיקונג פוןביידע צדדים אין ענין ווילנע איז געוואונטשענער ווי אַ וועלכע עס איז אינטערווענץ פון אויסן, פון זייטיקע. ניט צו שליסן וועלכן עס איז אָפּמאַך מיט פּוילן בין איך אַהער געקומען; דער ציל פון מיין נסיעה איז נאָר צו דערוויסן זיך, אויב ס'איז פאַראַן אַ גרונד אונטערצוהאַנדלען וועגן אַזאַ אָפּמאַך, אויב עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט פאַר אַ פאַרשטענדיקונג.

„פון די פּראָטאָקאָלן פון דער בריסעלער און זשענעווער קאָנפערענץ און פון די ראַפּאָרטן פון אונזערע דעלעגאַטן איז צו זען, אַז אַ גרונד פאַר אַ פאַרשטענדיקונג פון דיביידע שכנישע מלוכות איז פאַראַן. אַזוי מיינט אויך אשכּנזי. מצד דער ליטווישער רעגירונג איז ניטאָ קיין מניעה דערצו".

בנוגע דער מעגלעכקייט, אַז קאָוונער רעגירונג וואָלט ביי געוויסע באַדינגונגען גאָר ניט געהאַט קעגן די וואַלן צום ווילנער סיים, האָט ה' ראָזנבוים באַמערקט, אַז דאָס איז זיין פּערזענלעכע מיינונג און אויף דער פראַגע, ביי וועלכע באַדינגונגען, למשל, האָט ה' ראָזנבוים קיין קלאָרן ענטפער ניט געגעבן. ער האָט נאָר אָנגעוויזן, אַז קודם=כּל וואָלט נייטיק געווען די פרייהייט פון די וואַלן.

ראָזנבוימס נסיעה האָט אין ערשטן מאָמענט ניט געגעבן קיין פּאָזיטיוון רעזולטאַט. פאַרקערט, דאָס איז געווען איינע פון די סיבות, צוליב וועלכע דער ליטווישער מיניסטער פאַר אויסלענדישע ענינים ד"ר פּוריצקיס האָט זיך געמוזט אָפּגעבן אין דעמיסיע. שפּעטער אָבער, סוף יאַנואַר, האָט די ליטווישע רעגירונג ווידער פאָרגעלייגט פּוילן אָנצוהייבן דירעקטע אונטערהאַנדלונגען. דערצו האָט בלי=ספק מיטגעהאָלפן ראָזנבוימס נסיעה.

צו דער זעלבער צייט האָט אויך די ראַטן=רעגירונג ווידער גענומען אַ וואָרט אין ענין ווילנע. דעם 22=טן נאָוועמבער האָט דער רוסישער קאָמיסאַר פאַר אויסלענדישע ענינים טשיטשערין, צוגעשיקט אַ נאָטע דער פּוילישער רעגירונג, אין וועלכער ער וואַרפט אָפּ די באַשולדיקונג, אַז רוסלאַנד איז עובר אויפן 3=טן אַרטיקל פון דעם ריגער אָפּמאַך:

„אויפן סמך פון דעם דאָזיקן 3=טן אַרטיקל זיינען רוסלאַנד און אוקראַינע פון איין זייט און פּוילן פון דער אַנדער זייט דורכגעקומען, אַז די פראַגע וועגן דער צוגעהעריקייט פון די שטרייט=טעריטאָריעס צו פּוילן און ליטע דאַרף אַנטשיידט ווערן אויסשליסלעך צווישן פּוילן און ליטע. איבערגעבן די דאָזיקע פראַגע צום אַנטשיידן דער אַזויגערופענער „ליגע פון נאַציעס" איז דעריבער אַ פאַרשוועכונג פון דעם ריגער אָפּמאַך. דאָסגלייכן איז נאָכדעם ווי דער 3=טער אַרטיקל זעט פאָר די סובערענע רעכט פון דער ליטווישער מדינה אַלס אַ פולקום גלייכער קאָנטראַגענט פון פּוילן, קען די רוסלענדישע רעגירונג ניט אָננעמען, אַז די דעגראַדאַציע פון ליטע צו דער מדרגה פון אַ פעדעראַטיוון טייל פון דער פאַרברייטערטער פּוילישער מדינה שטימט מיט דעם ריגער אָפּמאַך".

אַ אַנטי=פּוילישע שטעלונג אין ענין ווילנע האָבן אויך פאַרנומען די קאַדעטן. מיליוקאָווס אָרגאַן „פּאָסלעדניאַ נאָוואָסטי" האָט סוף דעצעמבער געשריבן:

„פּוילן שאַפט זיך אַ פרישע „אירידענטע" און דערמיט וועט זי נאָך שוואַכער ווערן. דער פּראָטעסט פון דער ליטווישער רעגירונג דראָט מיט ערנסטע קאָמפּליקאַציעס, אין וועלכע רוסלאַנד קען אויך אַריינגעצויגן ווערן. דאָרטן וואו מען רעכנט זיך ניט מיטן ווילן פון דער באַפעלקערונג, וואו די העכסטע חכמה איז טעראָר, דאָרטן איז עס אומפאַרמיידלעך... די לייזונג פון דער ווילנער פראַגע איז נאָך איין מאָטיוו צו אַ קומענדיקער מלחמה. אויב די קאָוונער רעגירונג פּראָטעסטירט אויף פאָראויס קעגן די באַשלוסן פון ווילנער סיים, וועט אויך דאָס צייטווייליק שווייגנדיקע רוסלאַנד עס באַטראַכטן אַלס אוממעגלעך אָנצונעמען".

פּוילן האָט אָבער ניט געלייגט קיין אַכט אויף די פּראָטעסטן און געטאָן דאָס איריקע: אַראָפּגעבראַכט צו די וואַלן וואָס מער פּאָליאַקן פון אַלע טיילן פּוילן, אָפּיציעל די, וואָס שטאַמען פון ווילנער קאַנט; געגעבן וואַל=רעכט די באַן=אַרבעטער און טראָץ אַלע באַמיאונגען, אַז די יידן זאָלן גיין צו די וואַלן, געזען צו פסלען וואָס מער גלייכבאַרעכטיקטע יידן, טאָמער גייען זיי טאַקע צו די וואַלן. לויט די ידיעות פון „קוריער פּאָראַנני" איז זאָגאַר אין פּוילן דורכגעפירט געוואָרן אַ רשימה פון סאָלדאַטן און אָפיצירן, וואָס שטאַמען פון מיטל=ליטע, כּדי צוצולאָזן זיי צו די וואַלן.

---

### III.

**די וואַלן זיינען פאָרגעקומען דעם 8 יאַנואַר.**

אין ווילנע גופא זיינען קיין יידן, ליטווינער אָדער ווייסרוסן ניט געגאַנגען צו די וואַלן, אויסער איינצלנע יידן, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן פון אַנדערע שטעט. ווי די לעצטע האָבן דערציילט, האָט מען זיי אין זייערע וואוינערטער, אין כובאַלק, ביאַליסטאָק און אַנדערע שטעט אַריינגעשיקט אויפפאָדערונגען פון די אָרטיקע וואַל=קאָמיטעטן, אַז זיי זאָלן אַרויספאָרן צו די וואַלן קיין ווילנע. צוזאַמען מיט דער אויפפאָדערונג האָבן זיי אויך געקראָגן אַ וואַל=קאַרטע, וואָס גיט דאָס רעכט אויף אַ פרייער באַן=רייזע הין און צוריק. ווי אייניקע פון זיי האָבן דערקלערט, וואָלטן זיי אַפילו ניט געוואָלט שטימען, נאָר זיי האָבן מורא געהאַט, אַז ווען זיי וועלן צוריק קומען, וועלן זיי צוליב דעם האָבן

אומאָנגענעמלעכקייטן. קיין סך יידן אַפילו אַזעלכע זיינען אָבער ניט געוועזן.

אייניקע ווילנער יידן, וואָס וואוינען צייטווייליק אין וואַרשע, האָבן זיך געווענדט צום דאָרטיקן רעגירונגס-קאָמיסאַר, אַז מען זאָל זיי פאַרלענגערן זייער טערמין אויף וואוינונגס-רעכט אין וואַרשע, האָט מען זיי געענטפערט, אַז זיי זאָלן פאָרן צו די וואַלן, וועט מען זיי פאַרלענגערן. זיי האָבן קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט און זיינען געקומען קיין ווילנע צו די וואַלן.

די גרעסטע ענערגיע האָבן אַנטוויקלט די ענדעקעס, וועלכע האָבן אויך געהאַט גרויסע געלט-פאָנדן. צווישן אַנדערן האָבן זיי באַקומען דאָס איבערגעבליבענע געלט פון אייבערשלעזישן פלעביסציט. אין ווילנע זיינען אַרומגעפאָרן אַווטאָמאָבילן, פונאַנדערגעוואָרפן זייערע נומערן (נומער 3) און אויפרופן. נאַטירלעך האָבן זיי אויך אויסגענוצט די יידן-העצע, ווי מען קען זען, למשל, פון אַזאַ אויפרוף:

„ווילנער איינוואוינער! די יידן שטימען קעגן פאַראייניקן ווילנע מיט פוילן. ראַטעוועט ווילנע! יעדע פאַרלאָרענע שטים איז אַ פאַרברעכן! מען טאָר ניט צעקלאַפן די נאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט! שטימט נאָר אויף דער ליסטע נומער 3".

אויף דער פראָווינץ איז די לאַגע געווען פאַרשיידן. אין אַ גאַנצער ריי ערטער, ווי, למשל, פאָדבראָדז, סאָל, וואַסילישאָק און אַנדערע, זיינען אַ סך יידן, מורא האָבנדיק פאַר נקמה פון דער אָרטיקער מאַכט, יאָ געגאַנגען צו די וואַלן. לויט די אָפיציעלע ידיעות, האָבן זיך אויף דער פראָווינץ באַטייליקט 30% פון די וואַל-באַרעכטיקטע יידן. קיין יידישע ליסטע איז אָבער אין ערגעץ ניט געווען. געשטימט האָבן זיי פאַר פאַרשיידענע פוילישע ליסטעס, זאָגאַר פאַר די שוואַרצמאהשע. אין אַ סך ערטער זיינען די וואַלן געווען אָפענע, און זיי האָבן געשטימט אויס מורא פאַר דער אָדער יענער ליסטע.

אָט וואָס עס האָט, למשל, פאַסירט אין פאָדבראָדז:

דער מאַגיסטראַט האָט פונאַנדערגעשיקט אין אַלע יידישע הייזער נומערן און אָנגעזאָגט, אַז מ'זאָל גאָר ניט קלערן וועגן ניט קומען שטימען.

פרייטאָג-צונאַכטס צו מעריב איז אַיינגעאָרדנט געוואָרן אַ מיטינג דווקא אין דער יידישער פאָלקסשול, צו וועלכן מען האָט אָנגעזאָגט, אַז אַלע יידן זאָלן קומען. אויפן מיטינג האָט פון אַ פאַפיר געלייענט אַ דרשה אַ יונגער געקומענער אַגיטאַטאָר און געשאָטן פעך און שוועבל אויף די שונאים פוילנס און פייערלעך ערקלערט, אַז די, וועלכע וועלן זיך אָפּהאַלטן פון שטימען, וועט מען זיך מיט זיי רעכענען מיט יעדערן באַזונדער. די רעדע פרייטאָג-צונאַכטס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע מהומה אין שטעטל. שבת פרי איז דאָס דאַווענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אויף אַ שעה 2 און אין בית-מדרש האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל. מען האָט געקלערט וועגן שיקן אַ ספּעציעלע דעלעגאַציע קיין ווילנע, נאָר... עס האָבן זיך ניט געפונען די פאָרער. אַגב האָבן זיך אַ טייל פון די עלטערע באַלעבאַטים קאַטעגאָריש אַרויסגעזאָגט, אַז זיי וועלן גיין, ווייל זיי האָבן מורא אַיינצורייסן מיטן מאַגיסטראַט און דערהויפּט מיט די אַרומיקע פויערים, מיט וועלכע זיי האַנדלען.

זונטאָג, 8 אַ זייגער פרי זיינען שוין יידן מיט די טלתים אונטער די אָרעמס געלאָפן אין... מאַגיסטראַט און דווקא מיטן צעטל № 5, ד. ה. מיט דעם צעטל פאַר וועלכן עס האָט אַגיטירט דער רעדנער, וועלכער האָט געסטראַשעט מיט פאָגראָמען.

פון די ווייסרוסן און ליטווינער זיינען אויך אין אַ סך ערטער איינצלנע גרופן געגאַנגען צו די וואַלן. עס איז זאָגאַר געווען אַ ווייסרוסישע ליסטע פון דעם ווייסרוסישן פּאָליטיקער אַלעקסיוק. דער פאַרקויפטער אַלעקסיוק האָט אָבער באַקומען סך-הכל 1800 שטימען און ניט דורכגעפירט קיין איין דעפּוטאַט צום סיים, טראָץ דער אַגיטאַציע פון די גלחים.

אַקעגן-זשע אין די ערטער, וואו עס וואוינט אַ קאָמפּאַקטע ווייסרוסישע אָדער ליטווישע מאַסע, איז די באַפעלקערונג בכלל ניט געגאַנגען צו די וואַלן. אַזוי איז, למשל, געווען, לויט די ידיעות פון דער ליטווישער פּרעסע, אין אָראַן, אָלקעניק, מאַרציקאַנץ און אַנד.

אין אַנדערע ערטער האָבן די זשאַנדאַרמען און „פּעאָוויאַקעס" (מיטגלידער פון „פּ. אָ. וו."—פּוילישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע) ערשט 8 אין אָוונט אָנגעיאָגט עטלעכע צענדליק פּערזאָן צו די וואַלן, ווייל די באַפעלקערונג אַליין איז ניט געגאַנגען. אַזוי איז געווען אין אַ סך ערטער פון סווענציאַנער קרייז.

אויך די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זיינען צו די וואַלן ניט געגאַנגען.

די איינטאָגיקע אַרבעטער-אויסגאַבע „אונזער טריבונע" האָט עס ערקלערט אויף פאָלגנדיקן אופן:

„וואָס קען געבן דער ווילנער סיים די יידישע אַרבעטער? קיין שום פראַגן פון אָרטיקן אַרבעטער-לעבן וועלן דאָרט ניט באַהאַנדלט ווערן. קיין שום הויכע טריבונע וועט דער סיים מיט זיך ניט פאָרשטעלן. דעם ווילנער סיים קען מען אפילו ניט צוגלייכן צו דער גאָסודאַרסטווענער דומע פון 3-טן יוני. אַהין זיינען די אַרבעטער געגאַנגען, כדי צו שאַפן פאַר זיך אַ טריבונע, כדי ביי אַלע געלעגנהייטן אַראָפּצורייסן די מאַסקע פון די הערשנדיקע קלאַסן, פון דער הערשנדיקער רעאַקציע. אין דעם ווילנער סיים וועט פאַר דעם קיין שום אָרט ניט זיין. דעם סיים וועט מען אפילו ניט קענען אויסנוצן פאַר די צוועקן פון סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע. עס שטייען ניט אויפן סדר-היום קיין פראַגן, אַרום וועלכע די יידישע אַרבעטערשאַפט זאָל האָבן די מעגלעכקייט זיך צו אָרגאַניזירן, צו דעמאַסקירן די הערשנדיקע בורזשואַזע רעאַקציע".

אין סיים זיינען דעריבער אַריין בלויז פּאָליאַקן: אין די שטעט האָבן די גרעסטע צאָל שטימען באַקומען דער בלאָק פון די נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען (ענדעקעס, כאַדעקעס, סקולסקיס גרופּע און אַנד.), 44 דעפּוטאַטן (פון ווילנע גופא 15, פון דער אַלגעמיינער צאָל 18). נאָך זיי זיינען געגאַנגען די פאָלקס-ראַטן (34 דעפּוטאַטן). די לעצטע דעפּוטאַטן, ווי אויך אַ באַדייטנדער טייל פון די איבעריקע גרופּן, האָבן ניט געהאַט קיין שום געמיינזאַמעס מיט ווילנער קאַנט. די פאָלקס-ראַטן זיינען אייגנטלעך אַ עקספּאָזיטור פון דער פּוילישער אָרגאַניזאַציע „גרעניץ-שוץ" („סטראַזש קרעסאָוואַ"), וואָס איר אויפגאַבע איז צו פּאָלאָניזירן און קאָלאָניזירן מיט פּוילישע עלעמענטן די פּוילישע גרעניץ-געביטן. זייער פּאָליטישער פּרצוף איז געווען אַ אומבאַשטימטער. אין וואַרשע זיינען זיי געווען בשעתו פעדעראַליסטן, אין ווילנע דערקעגן אָנהענגער פון אינקאָרפּאָראַציע אָן שום קונצן. אין סאָציאַלע פראַגן אָבער האָבן זיי געמוזט, אַלס אַ אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך געשטיצט אויפן דאָרף, אַרויסרוקן אַ פּראָגראַם פון אַגראַר-רעפאָרם און אַנדערע ראַדיקאַלע לאָזונגען. אַלס אַ פּאַרטיי, וואָס איז פינאַנציעל געווען אָפּהענגיק פון דער רעגירונג, איז קלאָר געווען, אַז זיי וועלן מערסטנטיילס טאָן דאָס, וואָס וואַרשע וועט דיקטירן.

דעם צווייטן אָרט אויפן דאָרף האָבן פאַרנומען די פּ. ס. ל. (13 מאַנדאַטן), אַ אָרגאַניזאַציע פון די מיטעלע און רייכע פויערים. אויך זיי זיינען ניט אויסגעוואַקסן אויפן ווילנער באָדן, נאָר זיינען געשאַפן געוואָרן אין ווילנער קאַנט אַ פּאָר חדשים פאַר די וואַלן, אונטערן דיקטאַנט פון וואַרשע. דער סוד פון זייער ערפאָלג ערקלערט זיך ווי ביי די פאָלקס-ראַטן בלי-ספק מיט די רייכע פינאַנציעלע מיטלען און אונטערשטיצונג פון דער מאַכט.

בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע האָבן זיי אַגיטירט פאַר אינקאָרפּאָראַציע אָן שום תּנאים.

די קלענסטע צאָל שטימען אין דאָרף האָט באַקומען די פּאַרטיי, וואָס איז צום מייסטן צוזאַמענגעוואַקסן מיטן דאָרף — דאָס איז די „אָדראָדזעניע”. מיט אַ יאָר דריי צוריק, ווען זי איז געגרינדעט געוואָרן, האָט זי זיך געשטעלט אַלס ציל פעדעראַציע פון אַ גרויס־ליטע מיט פּוילן. זייענדיק סובסידירט, ווי אַנדערע פּאַרטייען, פון דער רייכער רעגירונגס־קאַסע, האָט זי אויך דורכגעמאַכט די עוואָלוציע פון דער פּוילישער אָפיציעלער און געהיימער פּאָליטיק און איז פון אַ פעדעראַליסטישער פּאַרטיי געוואָרן אַ אַווטאָנאָמישע. אַ טייל אָבער פון די פירער מיט סטעפאַן מיצקעוויטש בראש, האָט נאָך אָבער, בלי־ספק, ניט אָן השפּעה פון פּילסודסקין, זיך ניט געקענט שיידן מיטן פעדעראַליסטישן געדאַנק. די דאָזיקע שפּאַלטונג האָט זיך שוין געלאָזט פילן בעת די וואַלן, און דאָס האָט זיכער אַ סך געשטערט דעם ערפאָלג פון דער פּאַרטיי. סך־הכל האָט זי דורכגעפירט 9 דעפּוטאַטן, וועלכע האָבן זיך אין סיים גלייך צעטיילט אויף 2 באַזונדערע קלובן: די אַווטאָנאָמיסטן (5 פּערזאָן מיט ל. כאָמינסקין בראש) און די טריי געבליבענע פעדעראַליסטן (4 פּערזאָן מיט סטעפאַן מיצקעוויטשן בראש).

פון די איבעריקע פּאַרטייען האָבן די דעמאָקראַטן (אַ שטאַב אָן אַ אַרמיי) דורכגעפירט 4 דעפּוטאַטן (אין ווילנע גופא איינעם — יאַן פּילסודסקין — אַ הויז־באַזיצער און ריכטער — אַ ברודער פון פּוילישן מלוכה־שעף יוזעף פּילסודסקי. דעם דאָזיקן אומשטאַנד האָט ער בלי ספק פאַרדאַנקט זיין מאַנדאַט).

די פּ. פּ. ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) האָט סך־הכל באַקומען צוויי דעפּוטאַטן (אין ווילנע). שפּעטער איז צו זיי צוגעשטאַנען איינער פון „אָדראָדזעניע” כּדי זיי זאָלן האָבן דאָס רעכט צו דעלעגירן אַ פאָרשטייער אין סעניאָרן־קאָנווענט.

דערביי איז אינטערעסאַנט, אַז דער אַזוי־גערופענער „פאַרבאַנד צו פאַרטיידיקן דעם ווילן פון דער באַפעלקערונג צו געהערן צו פּוילן”, וואָס האָט אין משך פון יאָר 1921 דורכגעפירט אין ווילנע צענדליקער מיטינגען און איז ביי די וואַלן אין ווילנע געגאַנגען זעלבשטענדיק, האָט ניט דורכגעפירט קיין איין דעפּוטאַט צום ווילנער סיים.

די פּוילישע רעגירונג איז ניט געווען צופרידן מיטן רעזולטאַט פון די ווילנער וואַלן. זי האָט מיט אַלע כּוחות געוואָלט צוציען די יידן צום ווילנער סיים. טראָץ די פילמאָליקע אומגעלונגענע פּרובן, האָט זי ערב די לעצטע וואַלן ווידער געפּרובט זיך פאַרשטענדיקן מיט די יידן.

די ה"ה דעפּ. הירשהאָרן (פאָלקספּאַרטיי), דעפּ. האַרטגלאַס (ציוניסט) און ראַטמאַן א. קירשבראָון (רטאָדאָקס) זיינען איינגעלאַדן געוואָרן צום פּוילישן מיניסטער פאַר אינווייניקסטע ענינים דאָוונאַראָוויטש. דער מיניסטער האָט זיך צרויסגעזאָגט, אַז עס איז זייער געוואונטשן, אַז די וואַרשעווער יידישע געזעלשאַפטלעכע קרייזן זאָלן ווירקן אויף די ווילנער יידן, אַז זיי זאָלן זיך באַטייליקן אין די וואַלן צום ווילנער סיים און דערפאַר צוגעזאָגט צו באַפרידיקן געוויסע יידישע פאָדערונגען.

די דערמאָנטע פאָרשטייער האָבן ערקלערט, אַז זיי זיינען בכלל ניט בכּוח צו ווירקן אויף די ווילנער יידן, זיי האָבן געראַטן די רעגירונג צו באַפרידיקן די יידישע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען אין פּוילן, וואָס וואָלט במילא געהאַט אַ גוטע ווירקונג אויף די ווילנער יידן.

דאַן האָט זיך די רעגירונג דירעקט געווענדט צו די ווילנער יידישע כּלל־טוער. ד"ר וויגאָדסקי, ד"ר שאַבאַד און הרב רובינשטיין זיינען דורך דער פאַרמיטלונג פון ה' מיישטאָוויטש, פאַרזיצער פון דער צייטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע, איינגעלאַדן געוואָרן קיין וואַרשע.

די דערמאָנטע דעלעגאַציע איז, נאָכן אָנקומען אין וואַרשע, איינגעלאַדן געוואָרן אויפן 5־טן יאַנואַר צום מיניסטער פאַר אויסלענדישע ענינים ה' סקירמונט. דער מיניסטער האָט אַרויסגעזאָגט זיין פאַרדראָס, וואָס די יידן אַלס בירגער פון קאַנט נעמען ניט קיין אָנטייל אין די וואַלן צום סיים, וועלכער דאַרף מאַניפעסטירן דעם ווילן פון דער באַפעלקערונג. אַזאַ אַבסטינענץ מצד די יידן קען מאַכן אַ שלעכטן רושם אויף אויסלאַנד, וואָס קען עס אויסטייטשן אַלס פיינדלעכע שטעלונג פון די יידן לגבי פּוילן, כּדי אַזאַ פאַלשער איינדרוק זאָל ניט זיין, וואָלט געווען גלייך, אַז די יידן זאָלן אין וועלכער עס איז פאָרם דעקלאַרירן זייער גינסטיקערע שטעלונג צו פּוילן. די יידישע פאָרשטייער האָבן דערויף ערקלערט די מאָטיוון, פאַרוואָס די יידן האָבן זיך געמוזט אָפּהאַלטן פון שטימען, און זייער דעקלאַראַציע אַזוי פאָרמולירט, אַז זי קען בשום אופן ניט אויסגעטייטשט ווערן ווי אַ פיינדלעכער אַקט קעגן פּוילן, בפרט, אַז די יידן זיינען איבערהויפּט ניט אויסן אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע צו שאַדן פּוילן.

די קאָנפערענץ אין מיניסטעריום פאַר אויסלענדישע ענינים האָט ניט לאַנג געדויערט, מחמת סקירמונט האָט ערקלערט, אַז די פּויליש־יידישע באַציאונגען זיינען אַ אינעווייניקסטער ענין פון פּוילן, דעריבער קען ער אין דעם זיך ניט אַריינמישן, און וועגן דעם אַלעם וועט מיט די דעלעגאַטן זיך דורכריידן דער מיניסטער פאַר אינעווייניקסטע ענינים ה' דאָוונאַראָוויטש. דער לעצטער האָט פּריוואַט ערקלערט, אַז טיילוויז קען ער מסכּים זיין אויפן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער יידישער קהילה, הגם ער איז מסופּק, צי די רעגירונג וועט עס אַקצעפּטירן; ער איז אָבער קעגן אַ צענטראַלן פאַרבאַנד פון די קהילות. ווייטער האָט ער צוגעזאָגט צו מאַכן געוויסע הנחות ספּעציעל פאַר די יידן פון ווילנער קאַנט אין דער פראַגע פון זונטאָג־רו און טיילוויז, אויסצוהאַלטן די יידישע שולן. דעריבער האָט ער געראַטן דער דעלעגאַציע צו ווירקן אויף די ווילנער יידן, אַז זיי זאָלן דאָך גיין צו די וואַלן.

די הבטחות זיינען אָבער דערווייל געבליבן הבטחות און קיין פּראַקטישע באַדייטונג האָבן זיי ניט געהאַט.

אין די לעצטע טעג פון יאַנואַר, פאַרן צונויפרופן דעם סיים, איז ווידער פאָרגעקומען, שוין אין ווילנע, אַ באַראַטונג פון פאָרשטייער פון דער פּוילישער רעגירונג מיט ד"ר וויגאָדסקי און הרב רובינשטיין (ד"ר שאַבאַד איז דאָסמאָל ניט געקומען). עס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן די זעלבע פראַגן וואָס אין וואַרשע און ווידעראַמאָל אָן אַ פּאָזיטיוון רעזולטאַט.

---

### .IV

די ליטווישע רעגירונג האָט זיך אויך באַמיט צו געווינען אויף איר זייט די יידן און ווייסרוסן, אָבער אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן ווי פּוילן. די ליטווישע רעגירונג, וועלכע איז געווען אַלנפאַלס ניט ווייניקער רעאַקציאָנער ווי די פּוילישע, איז אָבער אין דעם פּרט פון נאַציאָנאַליטעטן־פּאָליטיק געווען אַ סך ווייטזיכטיקער און סוף יאָר 1921, בעת אויפן וואָגשאָל האָט זיך געוואויגן דער גורל פון ווילנע, איז זי צוגעטראָטן אויפן געזעצגעבערישן אופן צו באַפעסטיקן די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיע, פון וועלכער די מינדערהייטן אין ליטע האָבן שוין פּאַקטיש פריער גענאָסן. זי האָט אויך אין אַ געוויסער מאָס געענדערט איר שטעלונג צום ענין ווילנע. פריער האָבן די ליטווינער געטענהט, אַז ווילנע איז זייערס אָן שום טענות און מענות, הגם אין שטרייט־

געביט צווישן פוילן און ליטע זיינען די ליטווינער, אַזוי גוט ווי די פּאָליאַקן, אַ מינדערהייט. איצט האָט פּרעמיער גריניוס איבערגעלייענט אין קאָוונער סיים אַ דעקלאַראַציע, וואו ער האָט געזאָגט, אַז דער ליטווישער מזרח דאַרף באַקומען אָרטיקע אַווטאָנאָמיע מיט אַ סיים אין ווילנע. דער אַווטאָנאָמער סיים וועט אַרויסגעבן געזעצן וועגן די פראַגן, וואָס זיינען נוגע דער באַנוצונג פון די אָרטיקע שפּראַכן, רעליגיע און קולטור, אָרטיקע ווירטשאַפט און אַלע אַנדערע פראַגן, וועלכע דער געמיינזאַמער סיים וועט אים איבערגעבן. דעם אַלגעמיינעם סיים וועלן געהערן די פראַגן, אָן וועלכע דער מלוכה וואָלט שווער געווען איינצוהאַלטן איר אומאָפּהענגיקייט, ווי די אויסלענדישע ענינים, מלחמה און שלום, אַרמיי, פינאַנסן, גרעניץ־שטייער, אַייזנבאַן, הויכסטער געריכט און סאָציאַלע רעפאָרמען.

פאַרזיכערנדיק די ווייסרוסן פולשטענדיקע אַווטאָנאָמיע, גייט די דעקלאַראַציע איבער צו דער יידישער נאַציע און זאָגט:

„די ליטווישע בירגער פון יידישער נאַציע אַרבעטן פעסט אין דער בויאונג פון דער מלוכה און באַנוצן זיך מיט ברייטע רעכט. זייערע ברידער, וואָס געפינען זיך אין מזרח־ליטע, קענען מיט פולן גלויבן וואַרטן אויף דער מינוט, ווען זייער גאַנצער קאַנט וועט פאַראייניקט ווערן מיט ליטע. די יידישע שפּראַך, רעליגיע און קולטור וועלן געאַכט ווערן. די אַנשטאַלטן פון זייער אַווטאָנאָמיע וועלן דורך דער מלוכה געשיצט ווערן, זייערע קולטור־ענינים וועלן זיי אַליין איינאָרדענען, געשטיצט דורך דער מלוכה".

די יידישע פראַקציע אין קאָוונער פּאַרלאַמענט האָט אונטערשטיצט די שטעלונג פון דער רעגירונג אין ענין ווילנע. בעת דער דיסקוסיע איבער דער רעגירונגס־דעקלאַראַציע האָט ד"ר ראַכמילעוויטש געזאָגט:

„אין נאָמען פון דער יידישער סיים־פראַקציע ערקלער איך, אַז די יידישע בירגער פון ליטע וועלן זיך פאַראייניקן צום פּראָטעסט קעגן דעם פּרוב פון פוילן צו לעגאַליזירן אויף אַ כלומרשט דעמאָקראַטישן אופן דעם געוואַלט־אַקט. מיר פּראָטעסטירן קעגן די וואַלן צום ווילנער סיים, וואָס האָט פאַרן איינציקן צוועק צו צעשפּאַלטן דעם איינהייטלעכן אָרגאַניזם פון ליטע. די יידן—בירגער פון גאַנץ ליטע, וואָס האָבן אונז געשיקט אַהער, וועלן קיינמאָל ניט מסכים זיין דערויף, אַז עס זאָל אַנטשטיין אַ מחיצה צווישן אונז און דער שטאָט, וואָס די אַלטע יידישע טראַדיציע האָט געקרוינט מיטן נאָמען ירושלים דליטא.

„איך צווייפל ניט, אַז מיט געמיינזאַמע באַמיאונגען, מיט אונזערע, ווי אויך מיט אייערע, וועלן צונישט ווערן די וואַרשעווער פּלענער. ווען עס וועט זיך אין ווילנע צונויפקומען אַ פרייער און אַלגעמיינער סיים פון גאַנץ ליטע, וועט ער ריידן ניט מיט אַ טאָן פון אַ אָקופּאַנט, נאָר מיט אַ פאַרשיידנשפּראַכיקער שטימע פון אַלע באַפרייטע פעלקער פון ליטע, וואָס וועלן בויען די דעמאָקראַטישע ליטע מיט בשותּפותדיקע כוחות".

גלייכצייטיק האָט זיך ליטע געגרייט צו דער זיצונג פון ראַט פון דער פעלקער־ליגע פון 10־טן יאַנואַר, אויף וועלכער ענין ווילנע איז געשטאַנען אויפן סדר־היום:

צו דער זיצונג זיינען געקומען מצד ליטע: נאַרושעוויטש, מילאָש און סידזיקאָווסקי, דער וויצעמיניסטער באַלוטיס און דעפּוטאַטן נאַדקעוויטש, איווקאַ און סאַמולים. פוילן איז געווען פאַרטראָטן דורך אשכנזין. דער ליטווישער דעלעגאַט האָט איבערגעלייענט אַ לענגערן מעמאָריאַל, וואו ער האָט געפאָדערט איינצוהאַלטן אויף ווייטער די קאָנטראָל־קאָמיסיע און דעם נייטראַלן פּאַס, באַשטימען אַ הויכן קאָמיסאַר פון דער פעלקער־ליגע אויף ווילנער טעריטאָריע און איבערגעבן דעם פויליש־ליטווישן סיכסוך אַ אינטערנאַציאָנאַלן טריבונאַל אָדער אַ בוררים־געריכט. און ענדלעך פּראָטעסטירט קעגן צונויפרופן דעם ווילנער סיים. אשכנזי האָט אין אַ קורצער רעדע געפאָדערט אָפּצוּוואַרפן אַלע ליטווישע פּאָסטולאַטן און פאַרזיכערט, אַז די פעלקער־ליגע האָט שוין פאַרענדיקט די פּראָצעדור איבער דער ווילנער פראַגע. ער דאַנקט דער פעלקער־ליגע פאַר די פאַראַיאָריקע באַמיאונגען אין דער ווילנער פראַגע און פאַרזיכערט, אַז פוילן איז פרידלעך געשטימט.

דעם 13־טן יאַנואַר האָט דער ראַט פון דער פעלקער־ליגע איינשטימיק אָנגענומען פאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

„דער ראַט קאָנסטאַטירט די פאַרענדיקונג פון דער פּראָצעדור אין דער ווילנער פראַגע פאַר דער פעלקער־ליגע; דער ראַט באַשליסט ענדגילטיק אָפּצורופן די קאָנטראָל־קאָמיסיע הויכסטנס אין משך פון אַ חודש, דער ראַט פון דער פעלקער־ליגע פאַרנאָטירט זיך די פאַרזיכערונג פון ביידע צדדים וועגן זייער פרידלעכער טענדענץ. אין פאַל ווען עס וועלן ניט ווערן איינגעשטעלט דיפּלאָמאַטישע און קאָנסולאַרע באַציאונגען צווישן פוילן און ליטע, לייגט פאָר דער ראַט, אַז יעדע פון די דאָזיקע מלוכות זאָל איבערגעבן דעם שוץ פון אירע אינטערעסן און די לויפנדיקע פראַגן אַ באַפריינדעטער גרויס־מלוכה. דער ראַט באַשליסט אָפּצושאַפן דעם נייטראַלן פּאַס מיט דער באַוואָרעניש, אַז די טעריטאָריעלע רעכט פון ביידע מלוכות וועלן רעספּעקטירט ווערן.

„די פעלקער־ליגע פאַרנאָטירט זיך דעם ליטווישן פּראָטעסט קעגן דער ווילנער אַקציע, ערקלערנדיק, אַז דער ראַט קען ניט דערלאָזן אַז איינער פון די צדדים זאָל אַליין לייזן דעם סיכסוך אויף אַזאַ אופן, וואָס גייט אַרויס אויסער די ראַמען פונם פּראָיעקט פון דער פעלקער־ליגע, אָן דער הסכמה פון ביידע פאַראינטערעסירטע צדדים".

אַלס רעזולטאַט פון דעם דאָזיקן באַשלוס פון ראַט פון דער פעלקער־ליגע האָט די ליטווישע רעגירונג דעם 23־טן יאַנואַר אַרויסגעשיקט פאָלגנדיקע נאָטע צו פוילן:

„די ליטווישע רעגירונג באַדויערט דעם באַשלוס פון דער פעלקער־ליגע פון 13־טן יאַנואַר, וועלכער האָט געמאַכט אַ סוף צו דער שלום־אַקציע, וואָס די פעלקער־ליגע האָט אָנגעהויבן. די ליטווישע רעגירונג מאַכט דעריבער אַ נייעם פּרוב זיך צו פאַרשטענדיקן מיט דער פּוילישער רעגירונג. די ליטווישע רעגירונג געדענקט דעם פּוילישן פאָרשלאָג פון 9־טן אָקטאָבער 1920 וועגן פירן נייע אונטערהאַנדלונגען בנוגע דער דעמאַרק־ליניע, און גלויבט, אַז פוילן וועט אויסגעפינען, אַז ביי היינטיקן מאָמענט זיינען ניט פאַראַן קיין שום שטערונגען אָנצוהייבן דירעקטע אונטערהאַנדלונגען. דער ווילן פון דער באַפעלקערונג קען גענומען ווערן אין אַכט בעת די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען, נאָר בתּנאי, אַז ער זאָל קאָנסטאַטירט ווערן אין אַ פאָרם, וואָס וועט אָנערקענט ווערן פאַר ריכטיק דורך ביידע רעגירונגען. די פּוילישע רעגירונג וועט לייכט פאַרשטיין, אַז די באַנייאונג פון די אונטערהאַנדלונגען זעט פאָראויס די נויטווענדיקייט, איינצושטעלן אין ווילנער ראַיאָן דעם סטאַטוס־קוואָ, וואָס איז פאַרגעוואַלטיקט געוואָרן דורך איר צעבונטעוועטן גענעראַל זשעליגאָווסקי, כמעט אויף מאָרגן נאָכן אונטערשרייבן דעם סובאַלקער אָפּמאַך, וואָס האָט איינגעשטעלט אַלס דעמאַרק־ליניע די ליניע, וואָס גייט צו דרום פון ווילנע ביז באַסטון און וואָס האָט געדאַרפט ווערן פאַרלענגערט לויט אַ ספּעציעלן אָפּמאַך. די ליטווישע רעגירונג ריכט זיך דעריבער, אַז אויב די פּוילישע רעגירונג וויל זיך אויף אַ אמת פאַרשטענדיקן, וועט זי אָפּציען איר מיליטער און אַדמיניסטראַציע ביז דער סובאַלקער דעמאַרק־ליניע".

דערויף איז געקומען סקירמונטס ענטפער:

„פוילן האָט שטענדיק געשטרעבט וואָס גיכער איינצושטעלן פריינדלעכע באַציאונגען מיט ליטע. זי האָט דעריבער אויפגענומען

מיט דער גרעסטער צופרידנקייט אייער פאָרשלאָג וועגן דירעקטע אונטערהאַנדלונגען, איך דערמאָן, אַז בעת די וואַרשעווער אונטערהאַנדלונגען אין יאָר 1920 האָט פּוילן אַרויסגעוויזן איר פאַרשטענדיקונגס-ווילן און געוואָלט ווייטער פירן די אונטערהאַנדלונגען אין קאָוונע.

„ענדלעך האָט די פּוילישע רעגירונג אין בריסעל געמאַכט אַ ריי קאָנקרעטע פאָרשלאָגן וועגן אַיינשטעלן רעגולערע און פריינדלעכע באַציאונגען, צווישן אַנדערן, דיפּלאָמאַטישע, קאָנסולאַרע און עקאָנאָמישע באַציאונגען.

„די פּוילישע פּאָסטולאַטן זיינען אונטערשטיצט געוואָרן אין באַשלוס פון דער פעלקער-ליגע פון 28-טן יוני 1921 און פון 13-טן יאַנואַר 1922.

„פּוילן ערקלערט, אַז זי איז גרייט אָנצוהייבן דירעקטע אונטערהאַנדלונגען צי אין וואַרשע, צי אין קאָוונע.

„עס דאַרפן גלייך אַיינגעשטעלט ווערן דיפּלאָמאַטישע, קאָנסולאַרע, פּאַספּאָרטועלע, קאָמוניקאַציאָנעלע, פּאָסט-טעלעגראַפישע און קאָמערציעלע באַציאונגען און געשלאָסן ווערן אַ גאַנצע ריי קאָנווענצן צוזאַמען מיט אַ האַנדלס-אָפּמאַך. די פּוילישע רעגירונג איז איבערצייגט, אַז ערליידיקנדיק אַזוי אַרום די לעבנס-אינטערעסן פון דער באַפעלקערונג פון ביידע לענדער, וועט מען וואָס גיכער דערגיין צו אַ פאַרשטענדיקונג. די פּוילישע רעגירונג ערוואַרט די פאָרשלאָגן פון דער ליטווישער רעגירונג וועגן אָרט און פּראָגראַם פון די אונטערהאַנדלונגען".

אויפן עיקר אָבער, וועגן אָפּרופן דאָס פּוילישע מיליטער און אַדמיניסטראַציע פון ווילנע, האָט סקירמונט ניט געפונען פאַר נייטיק צו ענטפערן.

דעם 3-טן פעברואַר האָט ליטע ווידער אַרויסגעשיקט אַ נאָטע צו פּוילן, אין וועלכער עס ווערט געזאָגט:

„די פּוילישע רעגירונג זאָגט זיך אַרויס וועגן דיפּלאָמאַטישע, קאָנסולאַרע און אַנדערע באַציאונגען, אָבער אַבסאָלוט ניט וועגן פּויליש-ליטווישן סיכסוך. דער איינציקער רמז וועגן דעם סיכסוך געפינט זיך אין דער ערקלערונג פון דער פּוילישער רעגירונג, אַז זי וועט זיך רעכענען מיט די באַשלוסן פון ווילנער סיים, וועלכן זי האַלט פאַר געזעצלעך. די דאָזיקע ערקלערונג איז פּונקט דער היפּך פון דער ליטווישער שטעלונג, אויף וועלכער די ליטווישע רעגירונג וועט אויך אויף ווייטער שטיין פעסט.

„די ליטווישע רעגירונג שטעלט גלייכצייטיק פעסט, אַז די פּוילישע רעגירונג האָט זיך אַבסאָלוט ניט אַרויסגעזאָגט וועגן הויפּט-תנאי פון דער ליטווישער נאָטע פאַר די אונטערהאַנדלונגען עוואַקואַציע פון פּוילישן מיליטער און אַדמיניסטראַציע ביז דער ליניע, וואָס ווערט פאָראויסגעזען אין סובאַלקער אָפּמאַך. די פּוילישע רעגירונג האַלט פאַר מעגלעך איינצושטעלן גוטע שכנישע באַציאונגען מיט ליטע, ניט געבנדיק פריער קיין סאַטיספאַקציע פאַר דער פאַרגעוואַלטיקונג פון סובאַלקער אָפּמאַך, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 9-טן אָקטאָבער 1920.

„די ליטווישע רעגירונג ערוואַרט דעריבער אַ ענטפער, צי איז די פּוילישע רעגירונג מסכים אויף אומקערן דעם מצב-הענינים, וואָס איז פאַרגעוואַלטיקט געוואָרן דורך גען. זשעליגאָווסקיס פאַרשווערונג. אויב די פּוילישע רעגירונג וועט עס אָפּוואַרפן, וועט עס די ליטווישע רעגירונג באַטראַכטן פאַר אַ אָפּזאָג אָנצוהייבן דירעקטע אונטערהאַנדלונגען".

דערויף האָט סקירמונט דעם 7-טן פעברואַר געענטפערט:

„די קאָרעספּאָנדענץ פון 28-טן יאַנואַר האָט געגעבן אַ גרונד פאָראויסצוזען די מעגלעכקייט, אַז ביידע מלוכות וועלן אַרויף אויפן וועג פון פאַרשטענדיקונג. דער ענטפער אָבער פון דער ליטווישער רעגירונג פון 3-טן פעברואַר רופט אַרויס דעם געדאַנק, אַז די ליטווישע רעגירונג שטרעבט ניט, אַזוי ווי די פּוילישע, איינצושטעלן פריינדלעכע און גוטע שכנישע באַציאונגען צווישן ביידע לענדער, וואָרים די ליטווישע רעגירונג שטעלט אַרויס אַלס אַ תנאי אַ פאָדערונג, פון וועלכער זי האַלט מסתמא אַליין ניט שטאַרק. די פּוילישע רעגירונג האַלט, אַז קודם כל איז וויכטיק איינצורעגולירן די פּראַקטישע פראַגן צווישן ביידע מלוכות, וואָס קענען דערפירן צו אַ דערנעענטערונג. דעריבער האָב איך ניט געוואָלט אַרויסרוקן אַזעלכע פראַגן, וואָס קענען נאָך פאַרן אָנהייב פון די אונטערהאַנדלונגען שאַפן שטערונגען פאַר די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען. אגב שטימט די פּוילישע שטעלונג מיט די פאָרשלאָגן פון דער פעלקער-ליגע".

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז ליטע האָט זיך מייאש געווען אין דער באַדייטונג פון פּאָלעמישע נאָטעס און איבערגעגעבן דעם סיכסוך דעם אינטערנאַציאָנאַלן טריבונאַל אין האַאַג.

---

### V.

דערווייל אָבער האָט די אַזוי-גערופענע מיטל-ליטווישע מאַכט זיך ווייניק גערעכנט מיט אינטערנאַציאָנאַלע כאָטיוון און דיפּלאָמאַטיע, און מיט אירע מעשים אַלץ מער פאַרטיפט דעם תהום צווישן פּוילן (פון איין זייט און די ווייסרוסן און ליטווינער פון דער צווייטער זייט. צו די אַלע רעפּרעסיעס, וועלכע עס האָבן זיך געשאָטן אויף די ליטווינער אין ווילנע, איבערהויפּט זייט דעם ערשטן אָקטאָבער 1921, צו די רדיפות אויף די ווייסרוסישע שולן און קולטור בכלל איז צוגעקומען אַ ניי שענדלעך בלאַט. אין דער נאַכט פון 19 אויפן 20-סטן יאַנואַר האָבן גרויסע מחנות פּאָליציי און געהיים-אַגענטן פּלוצלונג אַרומגערינגלט אַלע ווייסרוסישע און ליטווישע אַנשטאַלטן, ווי אויך די וואוינונגען פון די אָנגעזעענסטע ווייסרוסישע און ליטווישע טוער. ביז 29 פּערזאָן — רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער פון די ווייסרוסישע און ליטווישע צייטונגען, לערער, קולטורעלע טוער און אַז. וו. זיינען אַרעסטירט געוואָרן — צווישן זיי די ברידער בירזשישקאַ, דער ווייסרוסישער ליטעראַט מאַקסים האַרעצקי און פאָרזיצער פון ווילנער קאָאָפּעראַטיוון-פאַרבאַנד קראַסקאָווסקי (מיט עטלעכע טעג שפּעטער). ווי אַזוי די אַרעסטן זיינען פאָרגעקומען, גיט די בעסטע אילוסטראַציע די רעוויזיע אין דער ווייסרוסישער גימנאַזיע, וואו מען האָט אויסגעקליבן גראָד די שול-שעהן און מיט באַגנעטן אין די הענט ניט אַרויסגעלאָזן קיינעם פון די דערשראָקענע שילער; אין ליטווישן קאָמיטעט פאַר מלחמה-געליטענע האָט די פּאָליציי אויפגעריסן די טירן און דורכגעפירט אַ רעוויזיע אין דער אָפּוועזנהייט פון די באַלעבאַטים פון לאָקאַל.

די גאַנצע אַקציע האָט געטראָגן אַ כאַראַקטער פון אַ העצע קעגן די ווייסרוסן און ליטווינער בכלל.

די שוואַרצע און פאַרקויפטע פּוילישע פּרעסע האָט געליאַרימט וועגן אַ אַנטדעקטער „באָלשעוויסטיש-ליטווישער פאַרשווערונג". די האַלב-אָפיציעלע ווילנער אַגענטור א. ג. „וואַפּ" האָט פאַרעפנטלעכט גלייך נאָך די אַרעסטן אַ קאָמוניקאַט, לויט וועלכן די אַרעסטירטע ווערן באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש און מיטאַרבעט מיט דער מיליטערישער אויסשפּירונגס-אַקציע פון די שכנישע מלוכות, אין אָנטייל אין אַ אָרגאַניזירטער אַקציע, וואָס האָט פאַר אַ צוועק אַרויסצורופן אומרועו אין לאַנד און אומוואַרפן די עקסיסטירנדיקע אָרדענונג, אין באָלשעוויסטישער פּראָפּאַגאַנדע, אין רופן צו אַ נאַציאָנאַלן קאַמף, הגם עס איז קלאָר געווען, אַז דער גרעסטער טייל פון די אַרעסטירטע האָבן ניט נאָר קיין שום שייכות ניט מיט באָלשעוויזם, נאָר אַ סך פון זיי זיינען אפילו אָפּענע שונאים פון קאָמוניזם. די זעלבע, ווי אויך די איר נאָענטע

מזרח-אַגענטור (א"וו), האָט אויך שפּעטער מיטגעטיילט, אַז דער גאַנצער ענין נעמט אָן וואָס ווייטער אַלץ אַ ערנסטערן כאַראַקטער. די וואַרשעווער ענדעקישע פּרעסע האָט דערציילט בבא-מעשות וועגן סאָוועטישן מיליטער אויף דער פּוילישער גרעניץ, מיט וועלכן די אַרעסטירטע זיינען, לויט אירע ידיעות, געשטאַנען אין קאָנטאַקט, וועגן דינאַמיט אונטערן ווילנער סיים-בנין, וועלכן מען זאָל האָבן געוואָלט אויפרייסן, און אַז. וו.

די אַרעסטן זיינען דערווייל ווייטער געגאַנגען און דער גאַנצער ענין האָט אָנגענומען אַ צו סקאַנדאַליעזן כאַראַקטער. לויט די פּרעסע-ידיעות, האָט אינטערווענירט דער פאָרזיצער פון דער קאָנטראָל-קאָמיסיע פאָלק. שאַרדיני, וועלכער האָט באַקומען אַ אויפטראָג אויסצופאָרשן דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וואָס אין אויסלאַנד האָט מען עס פאַרשטאַנען אַלס נקמה-אַקט מצד דער פּוילישער מאַכט קעגן די ליטווינער און ווייסרוסן פאַרן ניט גיין צו די וואַלן (מיט די יידן האָט די פּוילישע מאַכט נאָך געהאַפּט דורכצוקומען). די פּוילישע רעגירונג האָט דעריבער פון וואַרשע באַפוילן צו ליקווידירן וואָס גיכער די „אַפּערע", ווי אַזוי אַ טייל פון דער וואַרשעווער פּוילישער פּרעסע האָט עס איצט אָנגערופן.

דער פינאַל איז געווען אַ אומגעריכטער: אַנשטאָט איבערצוגעבן די אַרעסטירטע צום געריכט אָדער זיי צו באַפרייען, האָט די פּוילישע מאַכט אַרויסגעשיקט 33 אַרעסטירטע (6 פּערזאָן זיינען באַפרייט געוואָרן) קיין ליטע. אין דער נאַכט פון 4-טן אויפן 5-טן פעברואַר האָט מען די אַרעסטירטע פּלוצלונג געבראַכט פון תפיסה אין זייערע פּריוואַטע וואוינונגען, געגעבן עטלעכע מינוט צייט אויף זעגענען זיך מיט די פאַמיליעס און מיטנעמען מיט זיך אַ ביסל זאַכן. די אַרעסטירטע האָט מען דערביי ניט געגעבן קיין שום ערקלערונג, וואוהין מען פירט זיי, אַזוי אַז אייניקע פון זיי האָבן געמיינט, אַז מען פירט זיי צו דער עקזעקוציע.

ביז איצט איז נאָך ניט פעסטגעשטעלט, צי די אַרויסשיקונג איז פאָרגעקומען לויטן באַפעל פון וואַרשע אָדער דאָס האָט געטאָן דער פאָרזיצער פון דער צייטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע ה' מייסטאָוויטש אויף זיין אייגענער אחריות. זיכער איז אָבער, אַז צוליב די אַרעסטן האָבן באַקומען דעמיסיע דער דעלעגאַט פון דער פּוילישער רעגירונג אין ווילנע פאָלק. טופּאַלסקי, דער ווילנער דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פאַר אינעווייניקסטע ענינים ה' סענקעוויטש און דער פּראָקוראָר וועלכער האָט געפירט די אויספאָרשונג. שפּעטער איז עס אויך געווען איינע פון די הויפּט-סיבות, פאַרוואָס ה' מיישטאָוויטש האָט זיך אָנגעגעבן אין דעמיסיע.

---

## VI.

אין אַזאַ אַטמאָספערע איז זיך דעם 1 פעברואַר צונויפגעקומען דער „פאַר עקסעלאַנס" פּוילישער סיים אין בנין פון פּוילישן טעאַטער אויף גרויס פּאָהולאַנקע. קיין גרויסע רעזולטאַטן האָט מען שוין פון אים ניט דערוואַרט. דער בעסטער באַוויז, אַז אויסלאַנד האָט אַבסאָלוט זיך ניט גערעכנט מיטן ווילנער סיים, איז דער פאַקט, אַז קיין איין איינציקן אויסלענדישן קאָרעספּאָנדענט האָבן די סיים-ווענט ניט אָנגעזען, הגם צו די סיים-וואַלן זיינען אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן יאָ געקומען.

די באַמיאונגען פון דער פּוילישער רעגירונג צו „אינסצעניזירן" יידישע און ליטווישע פאָרשטייער, וועלכע דער סיים זאָל קאָאָפּטירן, אָדער ווייניקסטנס אויסהערן, האָבן זיך ניט איינגעגעבן. מען האָט זיך געמוזט באַנוגענען דערמיט, וואָס צו דער עפענונג פון סיים זיינען געקומען הרב רובינשטיין און דער יידישער לאַווניק פון מאַגיסטראַט ה' קאַבאַטשניק. די מזרח-אַגענטור האָט טאַקע צעפּויקט רובינשטיינס אָנוועזנהייט אַלס אַ גרויסן דיפּלאָמאַטישן נצחון.

ניט גערעכנט זיך מיטן סיים האָט אויך די ווילנער אַדמיניסטראַציע. די סובערענע מאַכט האָט אים ה' מיישטאָוויטש ניט איבערגעגעבן—די מערהייט פון סיים האָט עס אגב ניט געוואָלט. איר איז געגאַנגען אין דעם, אַז דער סיים זאָל וואָס ווייניקער עקסיסטירן און די אינקאָרפּאָראַציע זאָל פאָרקומען וואָס גיכער. אַ מאָדנע באַשעפעניש האָט אייגנטלעך פאָרגעשטעלט מיט זיך דער סיים. ער האָט זאָגאַר ניט געהאַט... קיין ריכטיקן נאָמען. די פּוילישע רעגירונג, וועלכע האָט געוואָלט צופרידנשטעלן אי אויף רעכטס, אי אויף לינקס, האָט אים געקרוינט מיט אַ כפל-שמונהדיקן נאָמען: „סיים אַלס אַ פאַרזאַמלונג צו געבן אַ אויסדרוק דעם ווילן פון דער באַפעלקערונג". די רעכטע האָבן געטענהט, אַז דער סיים איז קיין סיים ניט, נאָר אַ פּלעביסציט-פאַרזאַמלונג, און די אויסגעווייילטע זיינען ניט קיין „סיים-דעלעגאַטן", נאָר „פאָרשטייער פון ווילנער קאַנט". די רעכטע פּרעסע האָט טאַקע געדרוקט באַריכטן ניט „פון סיים" נאָר „פון דער פאַרזאַמלונג"— ביז דער לעצטער צייט, ווען זי האָט טיילוויז שלום געמאַכט מיטן וואָרט „סיים". די לינקע אַקעגן-זשע האָבן געטאָן אַלץ, וואָס זיי האָבן געקענט, כּדי צו פאַרוואַנדלען דעם סיים אין אַ דויערהאַפטיקער אינסטיטוציע. ווי זייערע קעגנער האָבן געזאָגט, האָבן זיי זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַרן ווירקן אויף די „אויסדערוויילטע" מיט דער דיעטע, וועלכע איז באַשטימט געוואָרן אין דער גרייס פון 17500 מאַרק אַ וואָך, אַחוץ אַ ספּעציעלן צוגאָב פאַר פּראָווינצער. זיי האָבן אויך געפּרובט ווירקן דערהויפּט אויפן „צינגל" פון סיים, אויף די פאָלקס-ראַטן, אַרויסרוקנדיק אַ פּראָיעקט פון אַגראַר-רעפאָרם, אַ פּראָיעקט וועגן געבן ערד געגנזשעליגאָווסקין און אַנדערע פּראָיעקטן און אינטערפּעלאַציעס.

די פאָלקס-ראַטן, דער צענטער פון סיים, האָבן זיך נאָך ניט געהאַט קריסטאַליזירט. אַלס אַ עקספּאָזיטור פון „סטראַזש קרעסאָוואַ", וועלכע האָט אַיינגעשלונגען גרויסע סומען רעגירונגס-געלט, האָבן זיי זיך אָפּט צוגעהערט צו דער שטים פון דער וואַרשעווער רעגירונג, וועלכע האָט אָבער אַליין ניט געהאַט קיין אויסגעשפּראָכענע פּאָליטישע ליניע אין ענין ווילנע און דאָ זיך אונטערגעוואָרפן דער השפּעה פון די ענדעקעס, דאָ פון מלוכה-שעף. די דאָזיקע וואַקלדיקייט זייערע האָט זיך געלאָזט פילן די גאַנצע צייט פון דער קורצער עקסיסטענץ פון סיים—סך-הכל האָט ער אָפּגעהאַלטן 15 זיצונגען פאַר דער צייט פון ערשטן פעברואַר ביז ערשטן מערץ.

די ערשטע סיים-זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן מיט מיישטאָווישעס אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט צווישן אַנדערן פאַרזיכערט, אַז אין די סיים-וואַלן האָבן זיך באַטייליקט 64 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, און אַז 30 פּראָצ. יידן זיינען אויף דער פּראָווינץ געגאַנגען צו די וואַלן. נאַטירלעך האָט ער אויך פאַרזיכערט, אַז די וואַלן זיינען צוגעגאַנגען כּדין וכדת. דער סיים האָט מיט אים מסכים געווען—קיין איינציקן פון די זאָגאַר פאַרקוועסטיאָנירטע מאַנדאַטן האָט ער ניט געפּסלט.

די וואַלן פון אַ סיים-מאַרשאַלעק זיינען צוגעגאַנגען שווערלעך: גאַנצע דריי מאָל האָט מען געשטימט. יעדע סיים-גרופּע האָט געוואָלט האָבן איר מאַרשאַלעק. די רעכטע האָבן געשטימט פאַר באַנקאָווסקין, דעם שטאָט-פּרעזידענט (45 שטימען), די לינקע (פּ. ס. ל., אָדראָדזעניע-וויזוואָלעניע און אַנד.) פאַר פאָלקאָווניק ווענדזיאַגאָלסקי, געוו. אַפּראָוויזאַציע-דירעקטאָר—(23 שטימען), די פאָלקס-ראַטן—פאַר לאָקוציעווסקין—אָשמענער שול-אינספּעקטאָר. ענדלעך צום דריטן מאָל האָבן זיך די לינקע פאַראייניקט צו די פאָלקס-ראַטן און לאָקוציעווסקי איז אויסגעוויילט געוואָרן פאַר אַ מאַרשאַלעק.

דער רעזולטאַט פון די וואַלן איז באַטראַכט געוואָרן אַלס ערשטער דורכפאַל פון די ענדעקעס.

די צווייטע מפּלה האָבן זיי געליטן אין דער רעגולאַמין=פּראַגע. אין ערשטן צייטווייליקן רעגולאַמין, וועלכער איז קאָפּירט געוואָרן לויטן מוסטער פון וואַרשע, איז געווען אַ פּונקט וועגן אינטערפּעלאַציעס, אַ ענין, וואָס האָט געדאַרפט צוגעבן דעם סיים אַ כאַראַקטער פון אַ שטענדיקער אינסטיטוציע. ביים אויסאַרבעטן אַ נאָרמאַלן רעגולאַמין האָבן די רעכטע מיט אַלע מיטלען באַקעמפט דעם פּונקט וועגן אינטערפּעלאַציעס, און ווידער זיינען זיי דורכגעפאַלן און ברוגז פאַרלאָזן דעם זאַל.

די הויפּט=אַרבעט פון סיים האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דער פּאָליטישער פאָרמל וועגן גורל פון לאַנד. כדי דער אַקט זאָל אַרויסקומען וואָס מער פייערלעך, האָט מען געפּרובט צו דערגרייכן אַ איינשטימיקייט, גייענדיק אויף קליינע קעגנזייטיקע הנחות. די רעגירונג האָט פון איר צד, אַראָפּגעשיקט שלוחים פון וואַרשע אין פּערזאָן פון געלזשינסקי, דירעקטאָר פון דער פּאָליטישער קאַנצעלאַריע פון מיניסטאָרן=ראַט, און נאַרוטאָוויטש, מיניסטער פאַר עפנטלעכע אַרבעטן, אַ פּערזאָן וועלכע האָט געהאַט אַ שייכות צום סיים, ווייל, ווי מען פאַרזיכערט, זיינען ד' הוצאות אויפן ווילנער סיים גענומען געוואָרן פון די סומען, וועלכע זיינען באַשטימט געוואָרן אויף אָפּצובויען די מלחמה=חורבות. די רעגירונג האָט אויף אַזוי פיל געווירקט, אַז קיין דייטלעכע באַוואָרעניש קעגן אַווטאָנאָמיע איז אין דער פאָרמל ניט אַריינגעשטעלט געוואָרן. דאָרטן איז אָבער געווען אַ אויסדרוק „אין הסכם מיט דער קאָנסטיטוציע". דערמיט האָבן די רעכטע געוואָלט פאַרהיטן, אַז ווילנער קאַנט זאָל, חס וחלילה, ניט באַקומען קיין ברייטערע זעלבסטפאַרוואַלטונג, ווי יעדע פּוילישע וואָיעוואָדסטווע.

די פּראַגע איז איבערגעגאַנגען אין פּלענום, וואו אַלע סיים=פראַקציעס—פון די ענדעקעס ביז די פּ. פּ. ס. איינשליסלעך, זיינען געווען פאַר אינקאָרפּאָראַציע—מ י ט אָדער אָ ן פייגנבלעטער. בלויז סטעפאַן מיצקעוויטש, וואָס האָט סך=הכל געהאַט אין זיין רשות 3 שטימען (איינער איז פון אים אָפּגעפאַלן), האָט אַרויסגערוקט אַ פּראָגראַם פון פעדעראַציע פון אַ ג ר ו י ס = ל י ט ע מיט פּוילן. דעם 20=סטן פעברואַר איז ענדלעך אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקע רעזאָלוציע מיט 96 שטימען ביי 6 אָפּגעהאַלטענע (פּ. פּ. ס. און „אָדראָדזעניע"; קעגן האָט קיינער ניט געוואַגט צו שטימען):

„אין נאָמען פון אַלמאַכטיקן גאָט!

מיר, דער ווילנער סיים, וועלכער איז מיטן פרייען ווילן פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פון דער ווילנער ערד צונויפגערופן געוואָרן;

באַזיצנדיק דאָס פולע רעכט צו באַשטימען דעם גורל פון דעם לאַנד;

געדענקענדיק די פילהונדערטיעריקע בענדער, וואָס דורך די אַקטן אין האָראָדלע און לובלין און די באַשלוסן פון דער מאַי=קאָנסטיטוציע פון יאָר 1791 באַקרוינטע, האָבן זיי אונזער ערד פאַראייניקט מיט פּוילן אויפן גרונד פון פרייוויליקע אָפּמאַכן;

אויך געדענקענדיק דאָס בלוט פון אונזערע אבות, וואָס איז מיט מסירת=נפש פאַרגאָסן געוואָרן אין זיי קאַמפן פון פאָלק פאַר זיין פרייהייט נאָך די אומגליקלעכע צעטיילונגען פון פאָטערלאַנד;

אָפּגעבנדיק אַכפּערונג דער מוטיקייט און דער מסירת=נפש פון דעם פּוילישן זעלנער, דעם זון פונם דאָזיקן לאַנד יוזעף פּילסודסקי, דער העלדישער טאַט פון גענעראַל זשעליגאָווסקי;

אין הסכם מיטן רעכט פון די פעלקער אויף זעלבסט=באַשטימונג;

אין נאָמען פון דער באַפעלקערונג פון דעם דאָזיקן לאַנד, פון די לעבעדיקע און קומענדיקע דורות;



האָבנדיק דעם צוועק צו פאַרזיכערן זייער פרייהייט און זייער אַלזייטיקע און קולטורעלע אַנטוויקלונג;

אויף דער זיצונג פון 20=סטן פעברואַר 1922 באַשליסן מיר און באַשטימען:

1) אַלע רעכטלעך=מלוכהשע בענדער, וואָס זיינען אונז מיט געוואַלט אָנגעוואָרפן געוואָרן דורך דער רוסישער מלוכה, האַלטן מיר פאַר אויף תּמיד צעריסענע און ניט=עקסיסטירנדיקע, ווי אויך זאָגן מיר רוסלאַנד אָפּ דאָס רעכט זיך אַריינצומישן אין די ענינים פון ווילנער קאַנט.

2) אַלע מלוכה=רעכטלעכע פּרעטענזיעס פון דער ליטווישער מלוכה אויף ווילנער קאַנט, וואָס דריקן זיך אויס אין ליטוויש=רוסישן טראַקטאַט פון 12 יולי 1920 יאָר, ווי אויך אַלע אַנדערע וואַרפן מיר אָפּ און באַזייטיקן אויף אייביק.

3) מיר ערקלערן פייערלעך, אַז מיר וועלן ניט אָנערקענען קיין שום באַשלוס וועגן גורל פון אונזער קאַנט, סיי וועגן דער אינעווייניקסטער איינאָרדענונג, וואָס וועלן אָנגענומען ווערן דורך פרעמדע פאַקטאָרן קעגן אונזער ווילן.

4) די ווילנער ערד שטעלט מיט זיך פאָר אָן שום באַדינגונגען און באַוואָרענישן אַ אינטעגראַלן טייל פון דער פּוילישער מלוכה.

5) די פּוילישע רעפּובליק האָט דאָס פולשטענדיקע און אויסשליסלעכע רעכט אויף דער מלוכה=סובערעניטעט איבער דער ווילנער ערד.

6) די געהעריקע מאַכט פון דער פּוילישער רעפּובליק האָט אַליין און אויסשליסלעך דאָס רעכט צו באַשליסן וועגן די סטאַטוטן און אינסטיטוציעס פון ווילנער קאַנט אין הסכם מיט דער קאָנסטיטוציע פון דער פּוילישער רעפּובליק פון 17=טן מערץ 1921.

7) מיר פאָדערן אויף דעם געזעצגעבערישן סיים און די רעגירונג פון דער פּוילישער רעפּובליק תּיכּף אויסצופירן די רעכט און די פליכטן, וואָס דרינגען אַרויס פון דער צוגעהעריקייט פון ווילנער קאַנט צו דער פּוילישער רעפּובליק".

אינטערעסאַנט איז, אַז עס איז דורכגעפאַלן דער פאָרשלאָג פון די ענדעקעס, צו די ווערטער „אין נאָמען פון אַלמאַכטיקן גאָט"—צוצוגעבן „אין נאָמען פון דער הייליקער דרייאייניקייט און גאָטס=מוטער, וואָס לייכט אין אָסטראָבראָם". „גאַז. קראַיאָוואַ" האָט עס ערקלערט דערמיט, וואָס די לינקע ריידן ניט נאָר אין זייער אייגענעם נאָמען, נאָר אויך אין נאָמען פון דער יידישער און לוטעראַנישער באַפעלקערונג, און במילא האָבן זיי דערויף ניט געקענט איינגיין.

די דאָזיקע רעזאָלוציע האָט פאָרמעל געמאַכט אַ סוף צום באַגריף „מיטל=ליטע", וועלכן זי האָט פאַרביטן דורך „זיעמיאַ ווילענסקאַ", וואָס מען קען אויסטייטשן „ווילנער קאַנט", „ווילנער וואָיעוואָדסטווע" און אַז. וו. אָנשטאָט דער מיטל=ליטווישער פאָן איז אַרויסגעהאַנגען געוואָרן אַ פּוילישע. פאַקטיש אָבער האָט זיך גאָרניט געענדערט. די צייטווייליקע רעגירנדיקע קאָמיסיע איז דערווייל פאַרבליבן און דעם 25=סטן פעברואַר האָט זי דער סיים באַפולמעכטיקט אַרויסצוגעבן נייע פאַראָרדענונגען, אין קאָנטאַקט מיטן סיים=מאַרשאַלעק, ביז וואַנען די פּוילישע רעגירונג וועט איבערנעמען די מאַכט.

די רעכטע האָבן איצט אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַר פונאַנדערלאָזן דעם סיים. זיי האָבן אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג, אַז דער סיים ווערט פונאַנדערגעלאָזן אין דריי פאַלן: 1) לויט זיין אייגענעם באַשלוס, 2) לויטן באַשלוס פון וואַרשעווער סיים, 3) ווען אַ דעלעגאַציע פון ווילנער סיים גייט אַריין אין צוזאַמענשטעל פון וואַרשעווער סיים. אַרום לעצטן פּונקט האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקער קאַמף. די לינקע האָבן געפּרובט מיט אַלערליי אַרגומענטן ווירקן אויף די פּויערים פון די פאָלקס=ראַטדען. פּ. נוסבוים,

אַ וואַרשעווער משומד, דער זון פון באַקאַנטן העגריק נוסבוים, לידער פון די פּאָלקס־ראַטן, איז אַרומגעלאָפן פון איין דעפּוטאַט צום אַנדערן און באַאַרבעט זיינע „שעפּ̈לעך". ווי עס ווייזט אויס, איז די אַרבעט צוגעגאַנגען שווערלעך, און ער האָט געגעבן פרייע העגט דעם קלוב. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אַלע דעפּוטאַטן פון די פּאָלקס־ראַטן, אַחוץ איינעם, האָבן געשטימט קעגן לעצטן פּונקט, וועלכער איז דורכגעפאַלן מיט 47 שטימען קעגן 36.

מיטן אויסוויילן אַ דעלעגאַציע פון 23 דעפּוטאַטן, וועלכע האָט געדאַרפט איבערגעבן די סיים־רעזאָלוציע, אונטערשרייבן דעם פאַראייניקונגס־אַקט און אַריינגיין אין וואַרשעווער סיים, האָט זיך פאַרענדיקט דער ערשטער אַקט פון ווילנער סיים.

אין וואַרשע אָבער, וואו אַלץ איז געווען צוגעגרייט צו דער צערעמאָניע, איז פּלוצלונג אַנטשטאַנען אַ שוועריקייט און גראָד פון אַזאַ זייט, פון וועלכער מען האָט עס ניט געקענט דערוואַרטן. אין פאַראייניקונגס־אַקט, וועלכן די רעגירונג האָט מיטן הסכם פון דער אויסלענדישער סיים־קאָמיסיע צוגעשטעלט דער ווילנער דעלעגאַציע, איז געווען אַ פּונקט (נומער 3), וואו עס איז געזאָגט געווען, אַז „דער סיים פון דער פּוילישער רעפּובליק וועט אויסאַרבעטן אַ סטאַטוט פון ווילנער קאַנט". די ענדעקעס האָבן מורא געהאַט פאַרן וואָרט סטאַטוט, וועלכער האָט געשמעקט מיט אַוואָנאָמיע, און ניט געוואָלט אַיינגיין אויף דעם דאָזיקן פּונקט. אַגאַנצע נאַכט פון 2־טן אויפן 3־טן מערץ זיינען געגאַנגען די אונטערהאַנדלונגען. די ענדעקעס האָבן געפאָדערט צוצוגעבן די ווערטער „אין הסכם מיט דער קאָנסטיטוציע", די רעגירונג האָט מסכים געווען צוצוגעבן צום אָנהייב פון פּונקט דריי די ווערטער „די רעגירונג ערקלערט אַז..."

מען האָט זיך שוין געוואָלט באַגעגענען מיט די אונטער־שריפטן פון 5 „לינקע" און 7 פון די פּאָלקס־ראַטן. דאָ איז אָבער ווידער אַרויסגעקומען אַ נייער סיורפּריז: עס איז שוין געווען 5 פאַרטאָג. אַלע מיניסטאָרן האָבן אונטערגעשריבן, דערנאָך די „לינקע" און 5 פּאָלקס־ראַטן, וועלכע האָבן בייגעלייגט אַ ספּע־ציעלע דעקלאַראַציע, אין וועלכער זיי האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אַווטאָנאָמיע. די איבעריקע צוויי פון די פּאָלקס־ראַטן האָבן זיך פּלוצלונג, אונטער דער השפּעה פון גלח לוטאָסלאַווסקי, אַנט־זאַגט אונטערצושרייבן, דער פּרעמיער פּאָניקאָווסקי האָט דאַן ערקלערט, אַז דער אַקט האָט ניט אויף זיך זאָגאַר אַ מערהייט אונטערשריפטן און ער איז ניט גילטיק. די שמחה איז געווען פאַרשטערט, די פייערלעכקייטן זיינען אָפּגערופן געוואָרן, די ווילנער דעלעגאַציע איז שוין אין סיים ניט אַריינגענומען געוואָרן. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז פּאָניקאָווסקיס רעגירונג האָט זיך אָנגעגעבן אין דעמיסיע. אַ גאַנצע וואָך האָט געדויערט דער קריזיס. צוליב טעמים, וועלכע העגגען אָפּ פון דער סטרוקטור פון וואַרשעווער סיים, וועלכע דאָ איז ניט דער אָרט אויפצוקלערן, איז פּאָניקאָווסקי ווידער געוואָרן פּרעמיער. זיין שטעלונג איז אַלזאָ פעסטער געוואָרן. אַגב האָבן זיך אַריינגעמישט די אַמבאַסאַדאָרן פון פראַנקרייך, ענגלאַנד און איטאַליע, וועלכע האָבן ערקלערט, אַז זיי זיינען באַאויפטראָגט געוואָרן דורך זייערע רעגירונגען אַרויסצוטרעטן מיט אַ קאָלעקטיווער נאָטע בנוגע ווילנע אויפן פאַל, אויב די רעגירונג וואָלט זיך אַנטשלאָסן נאָכצוגעבן די אינ־קאָרפּאָראַציע־רעזאָלוציע פון ווילנער סיים. אין דער דאָזיקער נאָטע ווערט אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז אַזאַ האַנדלונג וואָלט זיך זייער פאַטאַל געקאָנט אָפּרופן אויפן ווייטערדיקן גורל פון ווילנער קאַנט.

די רעגירונג האָט דערביי ערקלערט, אַז מיטן פּראָיעקט פון אַ סטאַטוט זיינען די אַמבאַסאַדאָרן מסכים. וואָס איז דאָס פאַר אַ סטאַטוט, האָט קיינער ניט געוואוסט.

די אַלט־נייע רעגירונג האָט איצט אַרויסגערוקט אַזאַ מין פּראָיעקט: דער אַקט מיט די 10 אונטערשריפטן דאַרף פריער ראַטיפיצירט ווערן אין וואַרשעווער סיים, דערנאָך אין ווילנער סיים. די ענדעקעס האָבן אָבער געדראָט, אַז זיי וועלן בשום אופן ניט דערלאָזן, אַז דער ווילנער סיים זאָל זיך צונויפקומען. עס האָט שוין ווידער געהאַלטן ביי אַ מיניסטאָרן־קריזיס. דאָסמאָל איז אָבער דערגרייכט געוואָרן אַ קאָמפּראָמיס. די ענדעקעס האָבן ענדלעך דעם 22־טן מערץ אונטערגעשריבן דעם אַקט, צוגעבנדיק אַ באַמערקונג (אָבער ניט אין אַקט גופא, נאָר אין דעם פּראָטאָ־קאָל וועגן דעם אַקט): „מיר שרייבן אונטער דעם אַקט אין דער איבערצייגונג, אַז דער סטאַטוט וועט זיין אין הסכם מיטן ווילן פון דער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין די באַשלוסן פון ווילנער סיים".

אין אַקט ווערן אויסגערעכנט די נעמען פון די מיטגלידער פון קאַבינעט און פון די ווילנער דעלעגאַטן, איבערגעחזרט די צוגעהעריקייטס־פאָרמל פון ווילנער סיים און פאַרענדיקט אויף פאָלגנדיקן אופן:

„די פּוילישע רעגירונג האָט גענומען צו קענטעניש די ער־קלערונג פון די דעלעגאַטן פון ווילנער סיים, דערנאָך איז דורך אַ געמיינזאַמען אַקט פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז: 1) ווילנער קאַנט, וואָס איז לויטן ווילן פון דער באַפעלקערונג פריי פון אַלע אַנדערע מלוכה־בענדער, ווערט פאַראייניקט מיט דער פּוילישער רעפּובליק. 2) פון היינט אָן געהערט צו פּוילן די העכסטע מאַכט אין ווילנער קאַנט. 3) דער סיים פון דער פּוילישער רעפּובליק וועט באַשטימען אַ סטאַטוט פון ווילנער קאַנט. 4) דער דאָזיקער אַקט דאַרף באַשטעטיקט ווערן דורכן געזעצגעבערישן סיים פון דער פּוילישער רעפּובליק, דערנאָך וועט ער אַריינטרעטן אין קראַפט, אַ צוזאַמענגעשטעלטער אין דער געהעריקער פאָרם, נאָכ־דעם ווי די ווילנער דעלעגאַטן וועלן צושטעלן פולמאַכטן, וואָס וועלן אָנערקענט ווערן פאַר גענוגנד".

דער וואַרשעווער סיים האָט באַשטעטיקט דעם דאָזיקן אַקט, אַריינגענומען די 20 דעלעגאַטן אין וואַרשעווער סיים, און אויפ־געפאָדערט די רעגירונג תיכף איבערצונעמען די מאַכט אין ווילנער קאַנט. דערביי האָט דער סיים באַשלאָסן, אַז דער סטאַטוט דאַרף זיין „אין הסכם מיטן ווילן פון דער ווילנער באַפעלקערונג און מיט די אינטערעסן פון דער פּוילישער רעפּובליק". דערמיט האָט מען געוואָלט צופרידנשטעלן אי די רעכטע אי די לינקע.

דער גאַנצער אַקט איז פייערלעך אַיינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

אינטערנאַציאָנאַל אָבער האָט זיך גאָרניט געביטן און די פּוילישע רעגירונג האָט שטאַרק מורא געהאַט, אַז אויף דער גע־נוער קאָנפערענץ, וואָס האָט זיך געדאַרפט אָנהייבן דעם 10־טן אַפּריל מיטן אָנטייל פון דייטשלאַנד און רוסלאַנד, זאָל ניט אויפ־געהויבן ווערן די ווילנער פראַגע.

27 מערץ 1922.



יצחק ברווידעס.

# דער יידישער האנדל און אינדוסטריע אין דער צייט פון דער אקופאציע.

I

כדי צו באַגרייפן דעם גרויסן חורבן, וואָס די פאַרשיידענע אָקופּאַציעס האָבן געבראַכט דעם יידישן מסחר אין ווילנע און פאַרוואַנדלט אים אין שמוכל און ספּעקולאַציע, מוזן מיר פאָרשן די געשעענישן ניט פון 5 סעפּטעמבער 1915, ד. ה. דעם טאָג, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען ווילנע, נאָר אומגעפ״ר, פון מיטן יולי 1915, ווען ווילנע האָט זיך אָנגעהויבן צו עוואַקואירן.

אַפריער אָבער אייניקע דאַטן וועגן דעם צושטאַנד פון ווילנער האַנדל און אינדוסטריע פאַר דער מלחמה.

לויט סטאַטיסטישע דאַטן האָט ווילנע פאַר דער מלחמה געציילט 220 טויזנט איינוואוינער. עס זיינען דאָ דאַן געווען פאַרטראָטן ביז 45 אינדוסטריעלע צווייגן, וואָס אייניקע פון זיי האָבן זיך גאָר נישקשה אַנטוויקלט. בתוכם זיינען אַ סך פאַבריקן געווען אינגאַנצן נ״ע, וועלכע זיינען ערשט אויפגעבויט און איינגעריכט געוואָרן לויט דעם לעצטן וואָרט פון דער מאָדערנער טעכניק.

צו די וויכטיקסטע צווייגן האָט געהערט די האָלץ=אינדוסטריע. די היגע זעג=מילן (טאַרטאַקעס) אַליין האָבן איבערגעאַרבעט אין משך פון אַ יאָר פאַרשיידענע האָלץ=מאַטעריאַלן אויף אַ סכום פון 10 מיליאָן רובל און האָבן באַשעפטיקט ביז 4000 אַרבעטער. 13 זעג=מילן האָבן אין איין ווילנע צעזעגט אין משך פון אַ יאָר ביז 300 טויזנט קוביק=מעטער האָלץ און פלעגן אַרויסלאָזן אַן ערך 200.000 קוביק=מעטער בוי=מאַטעריאַלן, וועלכע פלעגן דערהויפט געליפערט ווערן קיין רוסלאַנד און דייטשלאַנד. גאַנץ היבש איז אויך אַנטוויקלט געווען אין ווילנע די מעבל=פאַבריקאַציע: ווילנע האָט פאַרמאָגט 4 גרעסערע גוט=איינגעאָרדנטע מעבל=פאַבריקן און עטלעכע קלענערע, אַחוץ דער האַנטווערקער=פּראָדוקציע. די יערלעכע פּראָדוקציע האָט באַטראָפן אין יאָר 1914 11 מיליאָן רובל און האָט באַשעפטיקט ביז 1000 אַרבעטער.

דעם צווייטן אָרט האָט פאַרנומען אין אונזער געגנט די פּאַפּיר=אינדוסטריע. די יערלעכע פּראָדוקציע פון דעם צווייג האָט באַטראָפן 12,500 טאָן פּאַפּיר אויף אַ סכום פון 2.500.000 רובל. אַחוצדעם איז דאָ פּראָדוצירט געוואָרן ביז 4000 טאָן האָלץ=מאַסע אויף 250.000 רובל. אין דעם זיינען פאַרנומען געווען ביז 700 אַרבעטער. דאָס נייטיקע רויוואַרג האָבן די פאַבריקן באַצויגן—אַ טייל פון פּוילן און פינלאַנד (דהיינו צעלולאָזע) און אַ טייל פון הי, דהיינו: פּאַפּיר=האָלץ און האָלץ=מאַסע, קאַניפאָל—דורך דייטשלאַנד. די אָפּזאַץ=מערק פון דער פּאַפּיר=פּראָדוקציע זיינען געווען: פּוילן, צענטראַל=רוסלאַנד און דרום=רוסלאַנד.

גאָר אַ באַדייטנדן אָרט אין דער פאַבריקאַציע האָט פאַרנומען די לעדער=אינדוסטריע מיט אַ 3000 אַרבעטער. די יערלעכע פּראָדוקציע האָט באַטראָפן: פון גרויסע פעלן—400 טויזנט, פון קליינע—500 טויזנט, בסך=הכל אויף אַ סכום פון 8 מיליאָן רובל (די דאָזיקע ציפער געהערן צום יאָר 1914, פאַר דער מלחמה). רויוואַרג פאַר די לעדער=פאַבריקן פלעגט מען באַציען פון צענטראַל=רוסלאַנד, סיביר און זאָגאַר פון דרום=אַמעריקע, ...פיקע, אינדיע א. א. וו.



אויף דער טעריטאָריע פון ווילנער און מינסקער גוב. האָבן זיך פאַר דער מלחמה געפונען ביז 450 סמאָליאַרנעס, וועלכע פלעגן אויסאַרבעטן אַ חודש ביז 500 טאָן סקיפּידאַר, 1000 טאָן סמאָלע און 2000 טאָן האָלץ=קוילן. ליידער איז ביי אונז דער דאָזיקער מין פאַבריקאַציע געשטאַנען זייער נידעריק. ביי אַ מער ראַציאָנעלער אָרגאַניזאַציע וואָלט די דאָזיקע פאַבריקאַציע געקענט זיך שטאַרק אַנטוויקלען און וואָלט, אויסער סקיפּידאַר און סמאָלע, געקענט פּראָדוצירן נאָך אַ גאַנצע ריי פּראָדוקטן.

אַ גרויסע צוקונפט אין קאַנט האָט געקענט אויך האָבן די ספּירט=פּראָדוקציע, אַדאַנק דער גינסטיקייט פון דעם היגן באָדן פאַר קאַרטאָפל=פלאַנצונגען. אין יאָר 1914 האָט מען איבערגעטריבן אין ווילנער גוב. ביז 3 מיליאָן עמער ספּירט. דאָס זעלבע קען מען אויך זאָגן בנוגע דער ביר=ברויעריי. ווילנע האָט פאַר דער מלחמה פאַרמאָגט 2 גרויסע ביר=ברויזן מיט 350 אַרבעטער, וועלכע האָבן אויסגעאַרבעט אַן ערך 2.300.000 עמער אַ יאָר אויף אַ סכום פון 2 מיליאָן רובל; אויסער דעם 3 מיטעלע ברויזן און 11 קלענערע, וועלכע האָבן אויסגעאַרבעט צוזאַמען אומגעפער 1 מיליאָן עמער.

פון דער טאַבאַק=פּראָדוקציע האָט ווילנע פּראָדוצירט מייסטנס מאַכאָרקע—אומגעפער 2000 טאָן אַ יאָר אויף אַ סכום פון איין מיליאָן רובל. אין דער טאַבאַק=פּראָדוקציע זיינען באַשעפטיקט געווען 400 אַרבעטער. רויוואַרג האָבן די פאַבריקן באַצויגן פון דרום=רוסלאַנד.

אויך די טריקאָטאַזש=פאַבריקאַציע איז די לעצטע יאָרן אין ווילנע זייער אויסגעוואַקסן אַזוי, אַז זי האָט פולשטענדיק קאָנקורירט מיט לאָדז. דערהויפּט איז דאָ אַנטוויקלט געווען די הויז=אינדוסטריע,—ביז 4000 אַרבעטער זיינען באַשעפטיקט געווען אין די 40 זאָקן=פאַבריקן. דער אומזאַץ האָט באַטראָפן עטלעכע מיליאָן רובל.

היינט די 42 שוך=פאַבריקן גרויסע, דערונטער אייניקע עלעקטראָ=מעכאַנישע, אַחוץ אַ סך קליינע פאַבריקאַנטן און מעכאַנישע פאַבריקן, וועלכע פלעגן אַרבעטן ספּעציעל נאָר שיך אויף מעשענע נעגעלעך! ס׳איז גענוג צו באַמערקן, אַז אין ווילנע האָבן זיך געפונען 327 שוסטער=וואַרשטאַטן, וועלכע פלעגן ממש פאַרפלייצן גאַנץ רוסלאַנד מיט ביליגע שוכוואַרג און שטאַרק קאָנקורירן מיט ריגע און וואַרשע.

אויך די קאָנפעקציאָן=בראַנזשע האָט פאַרנומען אַ גרויסן און באַדייטנדיקן אָרט אין ווילנער פּראָדוקציע: ס׳האָבן זיך דאָ געפונען 41 געשעפטן פון פאַרטיקע קליידער, 378 שניידער=וואַרשטאַטן, 167 וואַרשטאַטן פון דאַמען=קאָנפעקציע, וועלכע פלעגן ממש פאַרפלייצן גאַנץ רוסלאַנד מיט פאַרטיקע קליידער. אויך האָט זיך געפונען אין ווילנע אַ דאַמף=עלעקטרישע פאַבריק, וועלכע פלעגט אויסאַרבעטן קאַפּולעס און הילצערנע שוסטערשע נעגעלעך און האָט באַשעפטיקט אַ פּאָר הונדערט אַרבעטער, אַזעלכע פאַבריקן זיינען געווען בס״ה צוויי אין גאַנץ רוסלאַנד. בלויז די דאָזיקע צוויי בראַנזשעס האָבן באַשעפטיקט אין ווילנע טויזנטער אַרבעטער. אַחוצדעם האָבן זיך געפונען אין ווילנע פיל קלענערע פאַבריקן, ווי פון טערפּענטין, קאַנפעקטן (דאַרונטער די גאַר

גרויסע פאַבריק „וויקטאָריאַ" מיט 300 אַרבעטער), וואַטע, גלאָזהוטעס, אַייזן=מעכאַנישע, אַ פאַבריק פון שלעסער, נעגל א. ד. ג. אויך איז אין ווילנע געווען שטאַרק אַנטוויקלט דער ענין דרוקן. עס האָבן זיך דאָ געפונען 50 דרוקערייען, צווישן זיי גאָר גרויסע, ווי „דפוס האחים ראָם", שריפטזעצער=ראָזענקראַנץ, מאַץ, קלעצקינס, סירקינס א. ד. ג. אַחוץ קליינע שנעל=דרוקערייען.

שוין פון די קאַרגע ידיעות, וואָס מיר האָבן אויבן געבראַכט וועגן די הויפט=צווייגן פון דער אָרטיקער אינדוסטריע, איז קלאָר, וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלע ראָלע זי האָט געשפּילט אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון אונזער שטאָט.

ניט ווייניקער לעבעדיק איז אויך געווען דער האַנדל אין ווילנע. אַדאַנק איר גינסטיקער געאָגראַפישער לאַגע, צווישן פוילן, רוסלאַנד און דער נאָענטער שכנהשאַפט מיט דייטשלאַנד, האָט ווילנע געדינט אַלס וויכטיקער האַנדלס=צענטער, וואָס האָט דורך ווערזשבאָלאָוו געליפערט די פאַרטיקע אויסלענדישע פּראָדוקטן פאַר גאַנץ רוסלאַנד; און פאַרקערט ווידער האָט ווילנע געליפערט פאַרשיידענע רויע שטאָפן קיין דייטשלאַנד.

ליידער, פעלן אונז איצט די נייטיקע סטאַטיסטישע ציפערן, בכדי ווייניקסטנס פעסטצושטעלן דעם אַלגעמיינעם אומזאַץ פון דעם היגן האַנדל. נאָר נעמענדיק אין אַכט דעם אויסערגעוויינלעך אַנטוויקלטן און ביליגן קרעדיט, אין וועלכן ווילנע האָט זיך ממש געבאָדן פאַר דעם קריג, אויך דאָס, וואָס די היגע סוחרים האָבן זיך באַנוגנט מיט זייער אַ נידעריקן פּראָצענט פאַרדינסט, יועט קלאָר זיין, אַז דער אומזאַץ איז געווען קאָלאָסאַל.

ווילנע האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט איר אַנטוויקלטן קאָמיסיאָנס=האַנדל, דער עיקר מיט איר קליין=האַנדל. די פאַרשיידנאַרטיקסטע פירמעס—רוסישע, פוילישע, דייטשע א. א. וו. מיט פאַרשיידענע אַרטיקלען, ווי דהיינו: שטיין=קוילן, אייזן, מאַשינען, פאַפּיר, צוקער, כעמישע אַרטיקלען וכדומה, האָבן געהאַט אין ווילנע זייערע פאַרטרעטער (כמעט ביז 120 קאַנטאָרן), וועלכע האָבן פאַרשפּרייט פון דאַנען זייער טעטיקייט ניט נאָר אויף ווילנע און דעם געגנט, נאָר אויך אויף רוסלאַנד, קאַווקאַז, סיביר א. א. וו. די גרעסטע פעאיקייטן און ענערגיע האָבן דערביי אַרויסגעוויזן די דייטשע פירמעס, וועלכע האָבן אַהער אַריינגעפירט ניט נאָר אַרטיקלען פון זייער אייגענער פּראָדוקציע, נאָר אויך סחורות פון אַנדערע לענדער, דהיינו: ענגלישע באַוול און שטאָף, פראַנצויזישע פאַרפיומעריע, אַמעריקאַנישע לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען א. א. וו.

אויך אַדאַנק איר גוטער קאָמוניקאַציע, ליגנדיק אין צענטער פון אַ נעץ אייזנבאַנען, האָט ווילנע געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרשפּרייטן די פילע רוסישע פּראָדוקטן איבער גאַנץ דרום=רוסלאַנד, ווי אויך פאַרקערט צו טראַנספּאָרטירן די פאַרשיידענע תבואות און פרוכטן פון דרום=רוסלאַנד קיין צפון=רוסלאַנד. געהאָלפן דרייען אָט די גרויסע מסחר=ראָד האָבן אין ווילנע 8 אָפּטיילונגען פון די גרעסטע רוסישע האַנדלס=אינדוסטריעלע בענק. און אָט דער גרויסער האַנדל און פאַבריקאַציע איז געלעגן דערהויפט אין יידישע הענט. פון די 995 ערשטע און צווייטע גילדעס זיינען 786 אויסגעקויפט געוואָרן פון יידישע סוחרים און נאָר 209 פון קריסטן, ד"ה 75% פון די סוחרים זיינען געווען יידן און נאָר 25% קריסטן. ווען מיר זאָלן נאָך דערצו נעמען אין אַכט, אַז די 25% קריסטלעכע אונטערנעמונגען זיינען געווען כמעט דורכאויס קליינע פון אַ לאָקאַלן כאַראַקטער, אי דאָס האָט גאַנץ אָפט אויך אין זיי געשטעקט יד ישראל באמצע, וועט אויסקומען, אַז יידן האָבן פאַרטראָטן כמעט 90% אין עקספּאָרט און אימפּאָרט פון ווילנער האַנדל.

וואָס איז נוגע דעם דעטאַיל=האַנדל, איז עס געווען די גרונד=באַשעפטיקונג פון דער היגער יידישער באַפעלקערונג—ביז 3000 פאַרשיידענע געשעפטן און קראָמען האָט פאַרמאָגט בלויז ווילנע אַליין.

דער קריג, וועלכער האָט אָפּגעריסן דעם קאַנט תחלת פון מערב=אייראָפּע, דערנאָך פון די איבעריקע שטעט פון צפון=מערבדיקן קאַנט האָט אוממעגלעך געמאַכט דעם האַנדלס=פאַרקער מיט אויסלאַנד, האָט אָפּגענומען ביי דעם היגן הורט=האַנדל די מערק און האָט פולשטענדיק אונטערגעגראָבן דעם מסחר.



---

### II.

אָנהייב יולי 1915 איז געקומען די קאָמיסיע פון דעם מיטגליד פון „גאָס. סאָוועט", זובטשאַנינאָוו, צו רעגולירן די עוואַקואַציע פון ווילנע. די ראָד פון ווילנער מסחר האָט זיך תיכף אָפּגעשטעלט און די אַלע פאַבריקן, זאַוואָדן, סקלאַדן, אַגענטור=קאָמיסיאָנעלע קאָנטאָרן, בענק, ווי אויך די אַרבעטער און די אָנגעשטעלטע פון זיי האָבן זיך אָנגעהויבן פּאַקן און ביסלעכווייז, אָבער אָן אויפהער, טאָג און נאַכט, אין משך פון וואָכן נאָכאַנאַנד פאָרן צום באַן, אויף די גאַסן, וואָס פירן צום וואָקזאַל, ווי רודניצקער, זאַוואַלנע, סטעפּנגאַס האָט איר גאַנצע טעג געזען נאָר געפּאַקטע פורן מיט סחורה, אָדער טיילן פון צעזומענע מאַשינעס, וועלכע מען האָט געאיילט צו עוואַקואירן. אין די געשעפטן האָבן די אָנגעשטעלטע געהאַט נאָר איין אַרבעט: פאַרפאַרטיקן קאַסטנס און פּאַקן די סחורה. וועגן לייזונג האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין. דער פּראָנט איז געוואָרן וואָס פון טאָג נעענטער און דער עולם איז געלאָפן, עס האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט אַ מאַסן=פּסיכאָז פון אַנטלויפן. די פרייזן אויף סחורה זיינען געפאַלן, ס'איז פשוט געווען אין קונה. אַלע האָבן געוואָלט פטור ווערן פון זייערע פּעקלעך צו קענען וואָס לייכטער אַנטלויפן, געשטיגן זיינען לעבנסמיטלען, ווי אויך פּאַק=מאַטעריאַלן: שטריק, ראָגאָזשעס, קאַסטנס, טשעמאָדאַנעס, סאַקוואָיאַזשן וכדומה. אַ סך סוחרים פון דער דאָזיקער בראַנזשע האָבן אין אַ גאַנץ קורצער צייט געמאַכט גרויסע פאַרמעגנס.

געשטויסן די יידישע סוחרים צו אַנטלויפן האָבן פאַרשיידענע מאָטיוון: ערשטנס האָט די רעגירונג געגעבן גרויסע געלטסובסידיעס, צווייטנס האָט די קונדשאַפט פון ווילנער סוחרים זיך דאָס רוב געפונען אין גאַנץ רוסלאַנד, און דאָרט איז געווען אַרויסגעטרויט אויף וועקסלען זייער גאַנצער אייגנס, האָבן זיי ניט ווילנדיק געמוזט אַרויספאָרן צו קענען אויפמאָנען זייערע חובות—ניט ווערן אָפּגעשניטן פון זייערע קונדן און בעלי=חובות, דריטנס זיינען געווען אַ סך פירמעס, וואָס האָבן געקומט פיל געלט אין אויסלאַנד, דערהויפּט אין דייטשלאַנד, זיינען זיי מיט אַ כיוון אַרויסגעפאָרן, כדי אויף אַזאַ אופן פטור צו ווערן פון צו צאָלן (דער לעצטער מאָטיוו האָט באַזונדערס אימפּולסירט די פוטערוואַרג=הענדלער און מאַנופאַקטוריסטן, וועלכע האָבן געהאַנדלט מיט לייפּציג און לאָדז, וועלכע איז שוין דאַן געווען פאַרנומען פון די דייטשן); פערטנס זיינען אַ סך סוחרים אַרויסגעפאָרן צוזאַמען מיט זייער סחורה, ווייל ווייסנדיק, פון שלום=צייט, די ביליקייט פון פאַרשיידענע אַרטיקלען און פאַבריקאַטן אין דייטשלאַנד, האָבן זיי געדענקט, אַז ווען ווילנע וועט פאַרנומען ווערן דורך די דייטשן, וועלן זייערע לאַגערן ווערט זיין העלפט געלט, אין דער צייט וואָס אין רוסלאַנד, וועלכע איז אָפּגעשניטן געוואָרן פון וואַרשעווער, לאָדזער און ביאַליסטאָקער פאַבריקאַציע, איז סחורה געשטיגן פון טאָג און ס'איז געשטאַנען אַ גרויסע פּערספּעקטיווע שנעל רייך צו ווערן. און פינפטנס, ווייל אין אָנהייב אַווגוסט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ס'וועט פאַרעפנטלעכט ווערן אַ באַפעל וועגן אַרויסשיקן אַלע יידן פון ווילנע אַזוי ווי פון קאָוונע, דעם קלאַנג האָבן באַשטעטיקט יידישע כלל=טוער און דער עולם האָט גענומען לויפן אום צו ראַטעווען דעם פאַרמעגן פון גירוש,

דעם 4/17 סעפּטעמבער 1915 י, ד״ה ערב דעם אַריינמאַרש פון די דייטשן קיין ווילנע, איז געווען געמאָלדן אין לעצטן נומער פון רוסישן בלאַט „Вил. курьеръ״, אַז די עוואַקואַציע פון די פאַבריקן האָט אויפגעהערט. קיין צוגן זיינען שוין מער פון ווילנע ניט געגאַנגען*), די באַוועגונג אויף די גאַסן וואָס פירן צום באַן האָט זיך איינגעשטילט, אַחוץ מיליטערישע פורלעך האָבן זיך שוין קיין פּריוואַטע וועגנס ניט געזען, די געשעפטן זיינען שוין געשטאַנען ליידיק און אָנשטאָט די בעלי=בתים האָבן זיך דאָרט געפונען זייערע באַפולמעכטיקטע, וועלכע האָבן געהאַט צו שאַפן איבער דעם ביסל פאַרבליבענע סחורה, וואָס מען האָט ניט באַוויזן, אָדער ס׳האָט ניט געלוינט מיטצונעמען צוליב די גרויסע טראַנספּאָרט=הוצאות מיט די פאַרשיידענע שוחד=קאָסטן, עס איז גראָד אויסגעפאַלן ערב יום=כיפור, און די האַלב ליידיקע געשעפטן האָבן זיך פאַרמאַכט נאָך בייטאָג און די שטאָט איז ווי אויסגעשטאָרבן.

שבת, דעם 5/18 סעפּטעמבער, ווען די דייטשן זיינען אַריין, זיינען די געשעפטן צוליב יום=כיפור ווידער געווען געשלאָסן דעם גאַנצן טאָג. און שוין אויף מאָרגן איז אַרויסגעגעבן געוואָרן די ערשטע באַקאַנטמאַכונג, וועלכע האָט שוין אַ שייכות צום עולם המסחר: די נייע מאַכט האָט געמאָלדן, אַז אַלע פערזאָנען, וואָס האַנדלען מיט לעבנסמיטלען און פוראַזש זיינען מחויב צוצושטעלן ביז דעם 7/20 1915 12 בייטאָג גענויע רשימות פון פאָלגנדע פּראָדוקטן מיט פּינקטלעכע דאַטן וועגן זייער כמות און סאָרט, ווי אויך דעם אָרט, וואו זיי געפינען זיך: ווייץ, מעל, גרויפּן, פּוטער, שמאַלץ, פעטס, קאָנסערוון, ציגאַרן, פּאַפּיראָסן, טאַבאַק, סוכאַרעס, טרוקענע וואורשט און האָבער. אַלע פערזאָנען, וואָס האַנדלען מיט די דאָזיקע פּראָדוקטן, ווערט רעקאָמענדירט איינצושאַפן פון דער ווילנער אומגעגנט נייע זאַפּאַסן לעבנסמיטלען און פוראַזש. שיינען אויף צו ברענגען אַזוינע פּראָדוקטן קאָן מען באַקומען אין דער קאָמענדאַנטור פון ווילנע.

גלייך נאָך דער דאָזיקער פאַראָרדענונג האָבן זיך אָנגעהויבן די ערשטע רעקוויזיציעס. צוערשט האָט מען רעקווירירט אַלע וויין=געשעפטן און דערנאָך האָט מען זיך גענומען צו די איבעריקע. קיין אָפיציעלע שיינען האָט מען ניט געגעבן, נאָר איטלעכע קאַמפּס=אָפּטיילונג, וועלכע איז דורכגעפאָרן די שטאָט צום פראָנט, איז געגאַנגען אין די געשעפטן און גענומען וואָס זי האָט געדאַרפט אָן געלט. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע צערודערונג אין שטאָט: פון איין זייט האָט מען אָנגעהויבן צו באַהאַלטן די סחורה און פון דער צווייטער זייט האָט יעטווידער געוואָלט פּטור ווערן פון זיין פּעקל כּדי אַזוי=אַרום ניצול צו ווערן פון רעקוויזיציעס און רעוויזיעס אין די הייזער. די פּרייזן אויף סחורה זיינען געפאַלן. צוגלייך אָבער מיט דער ירידה זיינען סובאַלקער, ווי אויך וואַרשעווער סוחרים, אין אייניקע טעג אַרום נאָכן פאַרנעמען ווילנע דורך די דייטשן, אָנגעפאָרן אַהערצו און באַנוצנדיק זיך מיט דער ערפאַרונג, וואָס זיי האָבן געהאַט, אַז אין דייטשלאַנד זיינען די פּרייזן אויף פאַרשיידענע סחורות נאָך פיל העכער ווי אין רוסלאַנד, אי דאָס קאָן מען זיי באַקומען נאָר אויף קאַרטן, ווי צ״ב שוכוואַרג, וועש וכדומה, האָבן זיי אָנגעהויבן אויסצוקויפן אַלע סחורות. די געקויפטע סחורה האָבן זיי אָבער ניט אַרויסגעפירט, נאָר פאַרבאַהאַלטן אין סקלאַדן. זיי האָבן שוין געוואוסט פון דער פּראַקטיק, אַז קיין נייע סחורה אָנשטאָט דער פאַרקויפטער וועלן די קרעמער ניט באַקומען און דערום וועלן די פאַרקויפער מוזן ניט ווילנדיק קומען אין אַ פּאָר טעג אַרום אָפּקויפן זייער אייגענע פאַרקויפטע סחורה און צאָלן אין טאָפּלט. פון יענער צייט אָן האָט זיך אָנגעהויבן די ספּעקולאַציע; טייל האָבן באַהאַלטן די סחורה אויס מורא פאַר רעקוויזיציע און אַנדערע — צוליב פּשוטער ספּעקולאַציע. די פּרייזן זיינען דורכדעם געשטיגן. צו דער עליה אויף די פּרייזן האָט געבראַכט אויך דאָס, וואָס אַ סך סוחרים וועלכע האָבן זיך באַנוצט מיטן 2=טן פּונקט פון אויבנדערמאָנטער באַקאַנטמאַכונג און זיינען אַרויסגעפאָרן אויף דער פּראָווינץ, דערהויפּט אין די ערטער, וואו די דייטשן זיינען שוין געווען פון לענגער, כּדי איינצוקויפן פאַרשיידענע אַרטיקלען, האָבן זיך איבערצייגט, אַז ערשטנס זיינען די פּרייזן אויך דאָרט גאַנץ הויכע און צווייטנס איז ברענגען די סחורה קיין ווילנע פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן. ניט ביי איינעם האָט מען אינדערוועגנס רעקווירירט די סחורה און אפילו קיין פּראָסטן צעטל דערויף אויך ניט אַרויסגעגעבן. און אויף אַזאַ אופן, האָט דאָס ביסל פאַרבליבענע סחורה אָנגעהייבן צו וואַנדערן פון האַנט צו האַנט, פון איין באַהעלטעניש אין דער צווייטער, ניט אָנזעענדיק דעם געוויינלעכן קונה אין די אויגן; איין און דאָסזעלבע שטיקל סחורה פלעגט גאַנץ אָפט פינף מאָל אַריבערגיין צו איין און דעם זעלבן סוחר, פאַרשטייט זיך איטלעכס מאָל מיט אַ גאַנץ אַנדער פּרייז, — פינף מאָל פאַרדינגען, און פון יעטווידער קניה און מכירה ציען נייעם ריווח.

די ווילנער סוחרים, וועלנדיק אויסמיידן די אומגעוואונטשענע באַזוכן פון די דייטשע קונים=רעקוויזיטאָרן, האָבן אָנגעהויבן גאָר צו האַלטן צוגעמאַכט די געשעפטן, אָדער שפּעט עפענען זיי און גאַנץ פרי פאַרמאַכן. דאָס האָט אָבער באַלד אַרויסגערופן אַ צווייטע פאַראָרדענונג פון דער דייטשער מאַכט. דעם 21 סעפּטעמבער 1915 האָט דער ווילנער גובערנאַטאָר מודיע געווען, אַז אַלע געשעפטן וואָס זייערע בעלי=בתים זיינען פאַראַן אויפן אָרט, מוזן געהאַלטן ווערן אָפן אין דער געהעריקער צייט. אין דער באַקאַנטמאַכונג רעדט זיך נאָר וועגן די געשעפטן, וואָס זייערע בעלי=בתים זיינען געבליבן אין ווילנע; וואָרים די סחורה פון די געשעפטן, וואָס זייערע בעלי=בתים האָבן זיך עוואַקואירט, האָט זיך גערעכנט פאַר קריגסרויב און מען האָט דאָס סתם צוגענומען אָן שום דין=וחשבון.

דער חשד, אַז מ׳וויל מיט אַ כּיוון האַלטן פאַרמאַכט די געשעפטן, כּדי ניצול צו ווערן פון די, אומשטיינס געזאָגט, דייטשע „קונים״, האָט ביי דער מאַכט אַרויסגערופן אַ פאַרביטערונג און זיי האָבן אפילו געצוואונגען די יידישע סוחרים צו האַלטן אָפן די געשעפטן אפילו שבת און יום=טוב מיט דעם אויסרייד, אַז ס׳איז קריגסצייט און ס׳איז נייטיק פאַרן מיליטער. (נאָך אַ סך מי און השתדלות מצד דעם לאַחדים=קרעמער=פאַראיין איז די גזרה ערשט בטל געוואָרן דורך 2 באַזונדערע דעקרעטן פון 17 יוני 1916 יאָר און פון 26 יוני 1916.) פון דער צווייטער זייט ווידער כּדי צו באַרואיקן די באַפעלקערונג קעגן די אומגעהערטע רעקוויזיציעס, איז דעם 25 סעפּטעמבער אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדענונג, אַז אָן אַ ערלויבעניש פון דער קאָמענדאַנטור קען אין ווילנער גוב. קיין רעוויזיעס ניט געמאַכט ווערן און נאָר דורך אַ געזעצלעכן רעקוויריר=צעטל קען דאָס חייל רעקווירירן חפצים און אַלערליי זאַכן, ווי לעבנסמיטלען, פוראַזש, בגדים, וועש וכדומה. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז די ווילנער סוחרים האָבן אַפילו קיין אמתע רעקוויריר=צעטלען אויך ניט געוואָלט באַקומען אָנשטאָט זייער ביסל איבערגעבליבענער סחורה, וואָס ביי דאָס רוב איז דאָס געווען זייער לעצטע האָב און גאָב, און די קראָמען זיינען געוואָרן לחלוטין ליידיק. מען האָט זיי אפילו געהאַלטן אָפן לויטן אויבנדערמאָנטן

*) ווי ווייט די עוואַקואַציע פון די פאַבריק-און האַנדלס-אונטערנעמונגען האָט געווירקט אויפן עקאָנאָמישן מצב, זעט מען אַרויס אפילו פון די פּאָר ציפערן: פון דער אַלגעמיינער צאָל שניידער 3500 זיינען געבליבן אָן אַרבעט 2876 פּערזאָן, ד״ה 70%, וועלכע האָבן ביז דאַן געאַרבעט אין דער קאָנפעקציאָן-בראַנזשע. פון די האַנדלס-אָנגעשטעלטע זיינען געבליבן אַרבעטסלאָז 60%, ס׳זיינען געבליבן אָן אַרבעט אויך 481 הענטשקעמאַכער, 826 שטעפּער א. ד. ג.

באַפעל פון 21 סעפּטעמבער 1915, אָבער קיין סחורה אין די קראָמען איז שוין ניט געווען. דאָס האָט גענייט די מאַכט אַרויסצוגעבן דעם 4 נאָוועמבער אַ פאַראָרדענונג וועגן אָנמעלדן אַלע זאַפּאַסן פון האָלץ, בענזין, אַלע רויע מאַטעריאַלן, בראַנפן, טאַבאַק, פּאַפּיראָסן, וויינפעסער, קאָרבפלאַשן, קאַרטאָפל, אָפּגעבן קופּערמעש, טאָמבאַק, ניקל, נייזילבער, אַלומיניום, צין און בליי. פאַר ניט פאָלגן איז די סחורה קאָנפיסקירט געוואָרן גאָר אָן געלט מיט אַ באַשטראָפונג אַלס צוגאָב. די דאָזיקע פאַראָרדענונג האָט שוין דעם האַנדל אינגאַנצן אַוועקגעהרגעט. באַזונדערס שווער איז געווען די גזרה וועגן דעם קופּערוואַרג, ספּעציעל צוליב די מעשענע כלים איז טאָג־איין טאָג־אויס פון אינדערנאַכט ביז אינדערפרי אַרומגעפאָרן אַ פור מיט מיליטער־לייט און מען האָט פון הויף צו הויף און פון שטוב צו שטוב געמאַכט גרינדלעכע רעוויזיעס אַפילו אין די סקלאַדן און אין די קעלערס; אָפטמאָל פלעגט מען זאָגאַר גראָבן אין דער ערד, און זוכנדיק קופּער און מעש, פלעגט מען געפינען — ניט אויפגעגעבענע און פאַרבאַהאַלטענע סחורה. דאָ פלעגט זיך ערשט אָנהייבן די ריכטיקע חתונה: די סחורה פלעגט מען צונעמען גאָר אָן געלט און דערצו נאָך מאַכן אַ פּראָטאָקאָל, וועלכער פלעגט זיך אויסלאָזן מיט גאָר גרויסן קנס און געפענגעניש. האַלטן די סחורה אין קראָם איז געווען אוממעגלעך און פאַרבאָרגן עס אין שטוב האָט מען אויך ניט געקאָנט, צוליב די זוכענישן פון קופּער. דער האַנדל איז אינגאַנצן רואינירט געוואָרן.

דערצו איז פון 11 נאָוועמבער 1915 צוגעקומען אַ נייע צרה: די מאַכט האָט איינגעפירט אַ אָפיציעלן געלט־קורס. דער צוואַנג־קורס האָט געוואָרפן דעם רוסישן רובל און געהויבן דעם מאַרק, דאָס האָט ווידער פאַראָרימט דעם אַזוי אויך צורואינירטן יידישן קרעמער.

אויך די־יעניקע פאַבריקאַנטן, וועלכע וואָלטן קענען באַקומען רויוואַרג אין ווילנער אומגעגנט און אַרבעטן ווייטער, זיינען באַזייטיקט געוואָרן: זייערע פאַבריקן זיינען איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פון דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג.

די לעדער־פאַבריקן און מילן האָבן געאַרבעט נאָר פאַר מיליטער, די קאָנפעקט־פאַבריקן האָבן אויסגעאַרבעט מאַרמעלאַד, וואָס מען פלעגט שיקן קיין דייטשלאַנד און די זעגמילן האָבן געזעגט דאָס געהילץ, וואָס די דייטשע מאַכט האָט עקספּלואַטירט פון די פילע קרוינישע וועלדער, ווי אויך פון די פּריצישע וועלדער, וואָס זייערע אייגנטימער האָבן זיך עוואַקואירט. פון די איבעריקע פאַבריקן האָט מען סתם צוגענומען און אַרויסגעפירט די קעסלען, מאָטאָרן, ווי אויך די מאַשינעס. מען מוז זאָגן דעם אמת, אַז ביי דער עקספּלואַטאַציע פון די וועלדער האָבן אַ סך יידישע סוחרים וועלכע האָבן איבערגענומען ביי די דייטשן די פּאָדריאַדן, געמאַכט גאַנץ גרויסע קאַפּיטאַלן און אין משך פון אַ גאַנץ קורצער צייט נתעשר געוואָרן, ווייל דערביי פלעגט אָנגיין אַ גאַנץ גרויסער שמוכל מיט די באַאַמטע. אויך זיינען פיל יידן צו יענער צייט רייך געוואָרן פון צוויי, שפּאָגל־נייע, געשעפטן: פון ווילנער אַנזיכטס־קאַרטן און פון זילבערוואַרג, וואָס מען פלעגט אויסאַרבעטן פון רוסישע זילבערנע מטבעות. די דייטשע סאָלדאַטן פלעגן די אויבנדערמאָנטע 2 אַרטיקלען אין די הונדערטער טויזנטער עקזעמפּליאַרן שיקן צום אָנדענקען פון רוסלאַנד אַהיים. דערצו האָט מיטגעווירקט דער אומשטאַנד, וואָס דער פראָנט איז געווען נאָענט לעבן ווילנע און דורך דער שטאָט איז דורכגעגאַנגען זייער אַ סך מיליטער.

ניט האָבנדיק צו וואָס צו כאַפּן זיך, האָבן זיך אַלע קליינע סוחרים אַ לאָז געטאָן עפענען בירהאַלעס מיט מוזיק, לויטן דייטשן מוסטער (ביר איז געווען דער איינציקער געטראַנק, וואָס איז ערלויבט געוואָרן לויטן באַפעל פון דעם אָקופּאַנט פון 23/IX 1915). עס איז געווען אַ מערקווירדיקע ערשיינונג: אין דער צייט, ווען די אַרבעטסלאָזיקייט אין ווילנע האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה



און דער הונגער האָט געפייפט אַפילו אין גאַנץ אָנשטענדיקע הייזער, האָבן זיך אויף אַלע גאַסן, אויף שריט און טריט, געלאָזט הערן באַנאַלע קלאַוויר־מעלאָדיעס, פון די פילע בירהאַלעס, וואָס האָבן פאַרנומען די לאָקאַלן פון די אַמאָליקע גרויסע געשעפטן. די יידישע טעכטער פון יידישן מיטלשטאַנד, האָבן איצט געמוזט באַנוצן זייער קענטעניש אין מוזיק צו שפּילן אין די פילע בירהאַלעס, משמח זיין די דייטשע סאָלדאַטן אום אַזוי אַרום צו שפּייזן זייערע פאַראָרימטע עלטערן, די געוועזענע סוחרים, וואָס זיינען רואינירט געוואָרן.

נאָר אויך אָט דער מיאוסער ביר־האַנדל איז געווען ניט אויף לאַנג. דעם 7 מערץ 1916 איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז די 3 ברויזן וואָס האָבן דאָ פונקציאָנירט אין ווילנע, מעגן פאַרקויפן ביר נאָר אין 12 אויסגערעכנטע בירהאַלעס און די בירהאַלעס ווידער האָבן רעכט צו פאַרקויפן דאָס ביר בלויז מיליטער־לייט (שאָפּענס ברויז איז נאָכהער אינגאַנצן רעקווירירט געוואָרן פאַר די נוצן פון מיליטער). ס׳פאַרשטייט זיך, אַז גלייך נאָך דעם דאָזיקן באַפעל זיינען אַלע בירהאַלעס מיט דער מוזיק געשלאָסן געוואָרן.

איבערהויפּט האָבן זיך אַ סך געשעפטן געמוזט פאַרמאַכן צוליב דער דייטשער פאַרטיילונג־סיסטעם, וואָס אויף אַ סך אַרטיקלען איז באַשטימט געוואָרן אַ געוויסע צאָל קראָמען אָדער ס׳איז אינגאַנצן פאַרבאָטן געוואָרן מיט זיי צו האַנדלען. אַזוי, למשל, איז לויט אַ פאַראָרדענונג פון 24 מערץ 1916 ערלויבט געוואָרן נאָר אַ געוויסע צאָל קאָנדיטערייען, מיט צוויי טעג שפּעטער האָט אַ נייע פאַראָרדענונג שטרענג פאַרווערט דעם האַנדל מיט קאַרטאָפל. דעם 1 מאַי איז באַגרעניצט געוואָרן די צאָל וואורשט־קראָמען, אויך דער פלייש־פאַרקויף איז ערלויבט געוואָרן נאָר אין 40 קראָמען. באַקן ברויט און פאַרקויפן אַחוץ אין די ערלויבטע ברויט־בעקערייען איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. דער איינקויף פון אַלע מינים רויע לעדער איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון איין יידן, אָנשטאָט אַלע מינים קופּערוואַרג און הענטלעך פון די טירן, וואָס מ׳האָט רעקווירירט, האָט מען ערלויבט אַריינפירן עמאַלירטע געשיר און אייזערנע הענטלעך 2 יידישע פירמעס. דער פיש־פאַרקויף איז געווען מאָנאָפּאָליזירט פון דער רעגירונג. היינט דערצו נאָך איז דעם 1 יאַנואַר 1916 געגרינדעט געוואָרן פון דער מאַכט אַ קאָמיסיע צו קאָנטראָלירן די פּרייזן. דאָס אַלץ האָט געבראַכט דערצו, אַז דער אָפענער האַנדל אין די קראָמען אין גרעסערן מאַסשטאַב איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן, די ליידיקע קראָמען זיינען געווען נאָר לפנים און דער גאַנצער האַנדל איז אַריבער אין „שמוכל". דאָס האָט אָבער געבראַכט דערצו, אַז דעם 26 אַפּריל 1916 האָט די מאַכט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז די אַלע פּערזאָנען, וואָס פירן ניט קיין מסחר אין אָפענע קראָמען, טאָרן ניט אָנזאַמלען און האַלטן סחורה אין אַ סכום גרעסער פון אייגענעם געברויך.

דער האַנדל איז אויך געווען געליימט צוליב דעם, וואָס אַרויספירן סחורה איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. אויך דער אַריינפיר פון סחורה איז געווען ערלויבט נאָר געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. און דעריבער האָט זיך נאָך אין אָקטאָבער 1915, ד. ה. באַלד ווי די דייטשן זיינען אַריין קיין ווילנע, געגרינדעט דער ערשטער קאָאָפּעראַטיוו און נאָך אים 25 מיט 20,000 מיטגלידער. די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוון האָבן באַקומען פון דער מאַכט די געהעריקע איינפיר־שיינען. די קאָאָפּעראַטיוון, וואָס האָבן גענאָסן באַזונדערע פּריווילעגיעס ביים איינקויפן סחורה, האָבן אינגאַנצן פאַרקאָנקורירט די קליינע בשמים־קרעמער און דאָס האָט זיי געצוואונגען דעם 21 דעצעמבער 1915 צו פאַראייניקן זיך אין אַ לאַחדים־קרעמער־פאַראיין. די שלעכטע לאַגע פון האַנדל און פאַבריקאַציע אין ווילנע האָט געבראַכט צו אַ גרויסער אַרבעטסלאָזיקייט, און דער עולם האָט גענומען לויפן פון ווילנע טראָץ אַלע

פאַרבאָטן. די באַפעלקערונג האָט זיך דורכדעם פאַרקלענערט אויף 13.000 פערזאָן אין משך פון 6—5 חדשים לויט דער אָפּיציעלער סטאַטיסטיק פון די אויסגעשטעלטע ברויט=קאַרטן: די ערשטע ברויט=קאַרטן זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן אויף 172,564 פערזאָן און די צווייטע נאָר אויף 159,564 פערזאָן. דאָס אַלץ האָט געצוואונגען דעם דייטשן אייבערבירגערמייסטער צונויפרופן דעם 6 מערץ 1916 אַ באַראַטונג צו הייבן דעם האַנדל און מלאכה און ס'איז אָנערקענט געוואָרן פאַר וויכטיק צו באַמיען זיך וועגן באַקומען די נויט'קע רויע מאַטעריאַלן, ווי אויך אָפּזאַץ=פּלעצער פאַר די סחורות, ד. ה. פשוט גערעדט—שאַפן די מעגלעכקייט פאַר אַ גינסטיקערן אַריינפיר און אַרויספיר. דער אַלגעמיינער שטילשטאַנד אין מסחר און פאַבריקאַציע האָט אויך געווירקט אויף די ווילנער ירידן. דער ערשטער קאַזימיר=יאָרמאַרק אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, איז אַריבער זייער שוואַך: ניט ס'זיינען געווען קיין סוחרים און ניט די פאַרשיידנאַרטיקע פּראָדוקטן און סחורות.

די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן זיך ניט באַנוגנט מיט דער רעקוויזיציע פון די סחורות. דעם 1 מערץ 1916 איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז ווער ס'וועט ניט צושטעלן ביזן 1=טן אַפּריל 1916 אַלע רעקוויזיציאָנס=שיינען, וועט בנוגע צו אים ניט איבערגענומען ווערן קיין התחייבות צו צאָלן פאַר זיי. אויף אַזאַ אופן האָט די דייטשע מאַכט געהאַט פשוט בדעה צו רעקוויזירן די אַרויסגעגעבענע שיינען פאַר די רעקוויזירטע סחורות. ווייל אין די נייע צעטלען, אויף וועלכע ס'זיינען אויסגעטוישט געוואָרן די פריערע אַרויסגעגעבענע, איז שוין ניט געווען אָנגעוויזן ניט וואָסערע סחורה, ניט וויפיל און ניט דער באַטרעף דערפון, און ניט וועלכע מיליטערישע אָפּטיילונג און ווען האָט דאָס רעקוויזירט; ס'איז בלויז געווען אַ באַשטעטיקונג, אַז מען האָט ביי דעם און דעם סוחר צוגענומען אַ שיין לויט דעם און דעם נומער, ניט אָנגעבנדיק קיינע דאַטן וועגן די רעקוויזירטע סחורה. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ חשד ביי די סוחרים און דער גרעסטער טייל פון זיי האָבן באַשלאָסן בעסער צו באַהאַלטן ביי זיך די אַלטע שיינען, וועלכע קענען נאָכן שליסן דעם שלום, דינען פון יורידישן שטאַנדפּונקט אַלס זיכערערער דאָקומענט וועגן די מלחמה=היזקות. ביזן 15 מערץ 1916 זיינען אויסגעביטן געוואָרן בלויז 9000, בשעת ווען די איבעריקע 16.000 זיינען גאָר ניט צוגעשטעלט געוואָרן צום בייטן.

איבערהויפּט האָבן די דייטשע אָקופּאַנטן מיט זייער האַנדלס=אָפּטיילונג ביי דער פאַרוואַלטונג אָבאָסט געהאַט אין זינען אויסצוניצן דעם האַנדל און די מלאכה אין די אָקופּירטע געביטן נאָר אין די אינטערעסן פון דער דייטשער ווירטשאַפט, אַרויסציען די רויע שטאָפן, וואָס געפינען זיך אין לאַנד וכדומה. פון איין זייט פלעגט מען פון אונזער קאַנט אַרויספירן אַלע נייטיקסטע רויע מאַטעריאַלן און לעבנסמיטלען און פון דער צווייטער זייט האָט מען אויסגענוצט אונזער געגנט אַלס אַ אָפּזאַץ=מאַרק פאַר די צעפוילטע, פאַרבראַקירטע אָדער ניט גאַנגבאַרע דייטשע פאַבריקאַטן. די אָרימע באַפעלקערונג האָט על=פּי נויט געמוזט קויפן די דאָזיקע מכולהדיקע פּראָדוקטן, וואָרים אַניט פלעגט מען איר אין די „פאַרקויפשטעלעס" ניט פאַרקויפן אויף די דויערקאַרטן אַזעלכע נויטווענדיקע אַרטיקלען, ווי ברויט, צוקער אָדער זאַלץ.

אַזוי אַרום איז דער גאַנצער האַנדל פאַקטיש מאָנאָפּאָליזירט געוואָרן דורך דער „רוישטאָפשטעלע" און דער „האַנדלס=אָפּטיילונג ביים שעף פון דער פאַרוואַלטונג". נאָר דורך דעם שעף פון דער פאַרוואַלטונג האָט מען געקענט, למשל, אַריינפירן זאַלץ, ביי אים אין די הענט איז אויך געלעגן דער האַנדל מיט גענז א. אַז. וו. אויסשרייבן ניט סעקוועסטרירטע אַרטיקלען פון דייטשלאַנד (מיט אַן אָפּצאָל פון 10%) האָט מען געקענט נאָר דורך דעם שטאָטהויפּטמאַן (פאַראָרדענונג פון 22 סעפּטעמבער 1916). דער עקספּאָרט פון





סחורה אין „אָבאָסט" איז בכלל געווען פאַרווערט (פאַראָרדענונג פון 20 אַווגוסט 1916). די האַנדלס=אָפּטיילונג האָט אויך זיך געפלייסט אַרויסצופּאָמפּען פון דער באַפעלקערונג דאָס גאָלד, פאַרקויפנדיק פילע נייטיקסטע אַרטיקלען נאָר פאַר גאָלד. דאָס אַלץ האָט אינגאַנצן אַרויסגעריסן דעם מסחר פון די הענט פון סוחר און איבערגעגעבן אים אין די הענט פון ספּעקוליאַנטן און בירזשעלייט. געציילטע מענטשן זיינען געוויינטלעך דערפון רייך געוואָרן, אָבער, פאַרשטייט זיך, נאָר אויפן חשבון פון דער אָרימער באַפעלקערונג.

די גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט, וועלכע איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער רואינירונג פון דער פאַבריקאַציע און מסחר, האָט געבראַכט דערצו, אַז מען האָט געמוזט עפענען געזעלשאַפטלעכע גאַסנקיכן, מיטלשטאַנדסקיכן א. ד. ג. די דאָזיקע קיכן ווי אויך דער ענין ברויטקאַרטן האָבן געשאַפן פאַר געוויסע מענטשן אַ ספּעציפישן מקור פון פרנסה אויפן חשבון פון דער געזעלשאַפטלעכער דערנערונג. צוליב דעם האַנדל מיט *געפעלשטע* ברויט=קאַרטן, איז דעם 8 אַפּריל 1916 אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַזונדערע פאַראָרדענונג. אויך די קיכן פלעגן מאַכן זייער אַ גרויסן „שמוכל" מיט די ניט פאַרברויכטע פּראָדוקטן, אַזוי אַז פיל פלעגן עפענען מיטלשטאַנדסקיכן צו קענען האַנדלען מיט די געשמוכלטע גרויפּן און קאַרטאָפל, וואָס מ'פלעגט באַקומען פון דער דייטשער מאַכט. אַ געוויסע צייט האָבן פון דעם דאָזיקן אומריינעם שמוכל געצויגן חיונה אַ סך מענטשן און געווירקט זאָגאַר אויף די מאַרקפּרייזן: פלעגן די קיכן שמוכלען און פאַרקויפן אויפן מאַרק די מותרות אָנגעשמוכלטע פּראָדוקטן, פלעגן די פּרייזן פאַלן. פלעגט, פאַרקערט, די קיכן זיין צוליב וואָס פאַר אַ סיבה אוממעגלעך צו שמוכלען, פלעגן די פּרייזן שטייגן.*)

נאָך אַ ספּעציפישע פרנסה בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע איז פאַר אַ געוויסער קאַטעגאָריע מענטשן געווען די *שיינענמאַכעריי*. אָן אַ „שיין" האָט מען זיך בכלל ניט געקאָנט אַ ריר טאָן: אַ שיין אויף אַרויספאָרן, אַ שיין אויף אַריינפאָרן, אַ שיין אויף אַרויספירן סחורה, אַ שיין אויף אַריינפירן סחורה א. אַ. וו. דערהויפּט פלעגן זיך דערמיט פאַרנעמען פרויען, וועלכע האָבן געהאַט באַקאַנטע דייטשן. ניט ווייניק מענטשן האָבן געמאַכט דערפון גאַנץ גרויסע געלט. דעם סוחר האָט שטענדיק געלוינט צו צאָלן פאַר אַ שיין וויפיל מ'האָט געבעטן; וואָרים ערשטנס איז ער דאַן געווען זיכער מיטן קאַפּיטאַל, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין דער סחורה, און צווייטנס פלעגט ער מיט אַ יתר העודף אַרויפציען אויף דער סחורה. דער גאַנצער סוד פון מסחר איז באַשטאַנען אין דעם, צו וויסן ווי אַזוי און וואו צו קריגן דעם נייטיקן שיין.

ביסלעכווייז האָט זיך דער סוחרישער קלאַס צוגעפּאַסט צו דער לאַגע און איז איבערגעגאַנגען געצוואונגענערהייט פון ראַיעלן געזונטן מסחר צו דער שמוכל=סיסטעם. דעם 26 יולי 1916 עפנט זיך די באַן=קאָמוניקאַציע פאַר פּריוואַטע סחורות פון ליבאַווע, מיטאַווע, ווינדאַווע א. ד. ג. אויך פון וואַרשע און אַפילו פון דייטשלאַנד האָט מען אָנגעהויבן אַריינצושמוכלען סחורה, דערהויפּט דורך די דייטשע באַן=באַאַמטע און מיליטער=לייט, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געפונען אַ סך געניטע סוחרים, ווי אויך דורך די יידישע באַן=באַאַמטע, וועלכע זיינען צוגענומען געוואָרן דורך די דייטשן אויף שטעלעס. אָבער אַלס מסחר, וועלכער נייטיקט זיך אין שטרענגער קאָנספּיראַציע און דאַרף ניט האָבן אַ אָפענעם

*) צוליב דעם טעם פלעגן אַפילו גאַנץ אָנגעזעענע כלל=טוער קוקן אויף דעם דאָזיקן שמוכל דורך די פינגער, ווייל סוף=כל=סוף פלעגט אַ דאַנק דעם שמוכל אין די קיכן זיך איינגעבן אַרויסצוציען היבש לעבנסמיטלען פון דער דייטשער מאַכט פאַר דער באַפעלקערונג.

געשעפטן מיט שטענדיקע אָנגעשטעלטע, האָט דער שמוכל געבראַכט דערצו, אַז אַ סך סוחרים, וואָס האָבן כאַרביטן זייערע אָפענע געשעפטן אויף שמוכל, האָבן אָפּ:עזאָגט זייערע אָנגעשטעלטע אָדער פאַרקלענערט זייערע שכירות, כדי אויף אַזאַ אופן פּטור צו ווערן פון זיי. דאָס האָט אַרויסגערופן דעם 5 מאַי 1916 אַן אָפענעם פּראָטעסט מצד די האַנדלס=אָנגעשטעלטע אין דער יידישער פּרעסע.

סוף זומער 1916 הייבן זיך אָן נייע גזרות, רעקוויזיציעס און אַנדערע צרות, וועלכע האָבן אינגאַנצן פאַראַליזירט דעם האַנדל. דעם 29 אַווגוסט 1916 איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג וועגן דער רעקוויזירונג פון אַלע אָן אויסנאַם געוועבטע שטאָפן און געשטריקטע סחורות, וואָס האָט אינגאַנצן אָפּגעשטעלט דעם האַנדל מיט מאַנופאַקטור, טוך, קאָנפעקציע און טיילווייז אויך מיט גאַלאַנטעריי, וואָרים די רעקוויזיציע איז אויך חל געווען אויף וועש, שטרימף, הענטשקעס, קאַפּטלען, פאַטשיילעס, באַוול, פאָדים וכדומה. אַלס צוגאָב צו דער צרה, איז געווען דער באַפעל פון 27 אָקטאָבער וועגן דער מיליאָניקער „צוואַנגס=הלוואה״— אַ קאָנטריבוציע, וועלכע איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דער ווילנער באַפעלקערונג און איז דערהויפּט געפאַלן אויף די יידן, באַזונדערס אויפן סוחרישן קלאַס, ד. ה. אויף די סוחרים, וועלכע האָבן געהאַלטן אָפענע געשעפטן און זיינען צוליב דעם געווען פאַררעגיסטרירט אין דער „האַנדלס=אָפּטיילונג״.

די דאָזיקע גזרות צוזאַמען מיט די איבעריקע רואינירנדיקע פאַקטאָרן פון דער אָקופּאַציע האָבן געבראַכט דערצו, אַז דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן פאָרן קיין אַמעריקע, וואָס איז גראָד דאַן ערלויבט געוואָרן. דעם 3 אַווגוסט 1916 איז אַרויסגעפאָרן איין פּאַרטיע און שוין דעם 21=סטן די צווייטע פּאַרטיע, וועלכע איז באַשטאַנען פון עטלעכע צענדליק פאַמיליעס; און געפאָרן זיינען אַלע: סוחרים, שמוכלער, אַרבעטער א. ד. ג. וואָרים אַ שיפסקאַרטע האָט געקאָסט אין גאַנצן אַ פּאָר הונדערט מאַרק און יעטווידערן האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון דייטשן גיהנום. גאַנצע טעג פלעגן הונדערטער מענטשן אָפּשטיין אין דער ריי ביים רייזע=ביוראָ און ביים דאָקטאָר, כדי וואָס גיכער צו פאַררעגיסטרירן זיך. אַזוי אָבער ווי פּאַסאַזשירן קיין אַמעריקע איז ערלויבט געוואָרן מיטצונעמען נאָר האַנט=געפּעק, האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון אויספאַרקויפן. מ׳האָט געהאַלטן אין איין פאַרקויפן און ס׳איז ניט געווען, ווער עס זאָל קויפן. די איינע האָבן זיך אַליין געגרייט צו דער נסיעה און באַצייטנס אָנגעהויבן אויסצופאַרקויפן זייערע מטלטלים; און די אַנדערע, וואָס האָבן ניט געהאַט בדעה אַוועקצופאָרן אָדער זיינען געצווונגען געווען צו פאַרבלייבן אין ווילנע, האָבן פּשוט מורא געהאַט צו קויפן, וואָרים פאַר אָנזאַמלען חפצים מער ווי פאַרן אייגענעם געברויך האָט געדראָט שטרענגע שטראָף און רעקוויזיציע (פאַראָרדענונג פון 26 אַפּריל 1916). אין יענער צייט האָט מען געקאָנט איינקויפן די גרעסטע רייכטימער בפועל=ממש אומזיסט. די בהלה צו פאָרן קיין אַמעריקע האָט זיך געשטאַרקט איבערהויפּט נאָך דעם 6 נאָוועמבער, ווען ס׳איז אַרויס דער באַפעל צו מאָביליזירן אַלע מענער אויף אַרבעט און די, וואָס האָבן זיך פאַרשריבן צו פאָרן, האָט מען ניט גענומען.

די דייטשע מאַכט האָט זיך אָבער, קענטיק, אַרומגעזען, אַז מיט איר אויבנדערמאָנטן באַפעל וועגן רעקוויזיציע פון 29 אַווגוסט האָט זי שוין אַריבערגעכאַפּט די מאָס, פּשוט אָפּגעשאַפט דעם פּריוואַטן האַנדל. דער חורבן איז שוין געווען צו גרויס און עס וואָלט שוין באַלד ניט זיין, ביי וועמען צו מאָנען די שטייערן מיט די קאָנטריבוציעס און דעם 27 אָקטאָבער איז אַרויס אַ נייע פאַראָרדענונג, וואָס איר ציל איז געווען צו לינדערן די גזרה פון 29 אַווגוסט: די קרעמער, וואָס האָבן ווייניקער ווי 1000 אַרשין האָבן באַקומען דאָס רעכט פריי צו האַנדלען; אויך די, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט פאַרטיקע בגדים, האָבן שוין געמעגט 2/3 פון זייער



לאַגער פאַרקויפן; דער האַנדל אַנגראָ איז אָבער נאָך אַלץ ערלויבט געווען סיידן מיטן הסכם פון דער „רוישטאָפשטעלע״. דער באַפעל האָט אָבער קנאַפּ=וואָס פאַרבעסערט די לאַגע פון מסחר, בפרט אַז דעם 17 אָקטאָבער, ד. ה. סך=הכל מיט 10 טעג פריער, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדענונג, וועלכע שטעלט פעסט אַ גענויעם רייסטער פון רויע מאַטעריאַלן (איבער 100 אַרטיקלען) און ס׳ווערט אָנגעוויזן דער אופן פון זייער אָנמעלדונג, רעקוויזיציע, צוואַנגס=פאַרקויף וכדומה. די תשוקה נאָך אַמעריקע איז ניט שוואַכער געוואָרן, און יעדע וואָך, ווען דער צוג פלעגט אָפּטראַ:ספּאָרטירן די עמיגראַנטן, פלעגן צום וואָקזאַל קומען גאַנץ שטאָט און ווינטשנדיק זיך נאָר אינגיכן צו זען זיך „דאָרטן״ געזונטערהייט. דער מסחר איז יענעם ווינטער אינגאַנצן געווען טויט, מאַנכע סוחרים האָבן נאָך דערצו געהאַט אַן אַנדער אַרבעט — זוכן ערגעץ אַ נאַכטלעגער, כדי זיך אויסצובאַהאַלטן פון דער קאָנטריבוציע, אַחוץ די, וואָס זיינען צוליב דער זעלבער מעשה געזעסן אין טורמע. ווי ווייט דער האַנדל און מסחר איז געפאַלן, איז אויך צו זען פון דעם אויפרוף, מיט וועלכן די האַנדלס=אָנגעשטעלטע האָבן זיך געווענדט נאָך הילף (זע „לעצטע נייס״ פון 21 דעצעמבער 1916).

נאָך שווערער איז געוואָרן דער מצב פון האַנדל אין יאַנואַר, ווען די רוסן האָבן באַנייט זייער אָפענסיווע ביי נאַראָטש, ניט ווייט פון ווילנע. אין יענער צייט האָט זיך געגרינדעט אַ געזעלשאַפט אויסצוהעלפן די=יעניקע געוועזענע רייכע סוחרים, וואָס זייערע קאַפּיטאַלן זיינען פאַרבליבן אין די רוסישע בענק און זיי זיינען געגנייטיקט געווען אַריינ ווּאַלן אין די הענט פון פאַרשיידענע וואָכערניקעס. דעם 19=טן יאַנואַר 1917 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז דער „ווירטשאַפטסאויסשוס״ באַקומט די מאָנאָפּאָל איינצוקויפן בהמות, אפילו קעגן דעם ווילן פון בעל=הבית, צו אַ באַשטימטן פּרייז און מיט דער זעלבער באַקאַנטמאַכונג איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די ערלויבעניש צו פאַרקויפן בהמות די שכנים. דאָס אַריינשמוכלען לעבנסמיטלען איז געוואָרן פאַרשווערט דורך דער באַקאַנטמאַכונג פון 4=טן פעברואַר 1917, וועלכע פאָדערט אויף אָפּצושטעלן זיך אויף דעם רוף פון די פּאָסטנס אונטער דער דראָאונג פון שיסן, דער שמוכל מיט לעבנסמיטלען, וועלכע מ׳פלעגט ברענגען פון אומגעגנט איז פאַרבונדן געוואָרן מיט סכנות=נפשות. דערפאַר איז אָבער פאַרלייכטערט געוואָרן דער מסחר מיט וואַרשע, אַדאַנק דעם, וואָס ס׳איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די צאָל אויף סחורה צווישן פּוילן און אָבאָסט אַחוץ אויף זאַלץ (8=טן פעברואַר 1917).

קעגן דעם נייעם טיפּ סוחר, דעם שמוכלער, וועלכער האָט דורך פאַרשיידענע הינטערוועגן און שוחד אַריינגעפירט סחורה מחוץ די ערלויבטע ראַיאָנען, איז געווען געווענדט די פאַראָרדענונג פון 14 פעברואַר 1917, וועלכע דערמאָנט דעם עולם, אַז מאַכן באַשטעלונגען אויף סחורות איז ערלויבט נאָר דורך דער „וואַרן-אָפּטיילונג״ ביים שטאָטהויפּטמאַן. אָנפרעגן פּרייזן דורך בריוו אָדער טעלעגראַמעס, ניט דורכן שטאָטהויפּטמאַן, איז געווען פאַרבאָטן. אַ קליינע פאַרלייכטערונג אין באַוועגונגס=פאַרקער בנוגע צום מסחר איז פאָרגעקומען דורך דער פאַראייניקונג פון די פאַרוואַלטונגען ליטע און ווילנע — סובאַלק (11 מערץ 1917), ווייל דורכדעם איז דער שטח פון ווילנער פאַרקערס=געביט געוואָרן גרעסער.

דער הונגער אָבער האָט זיך געטאָן דאָס זייניקע און ער האָט גענייט די רעגירונג אַרויסצונעמען פון פּריוואַטן פאַרקויף אַלץ מער אַרטיקלען פון ערשטן געברויך:

דעם 2 מאַי 1917 איז פאַרבאָטן געוואָרן דער מסחר מיט קאַרטאָפל און דעם 5 מאַי 1917 געפינט די מאַכט ווידער פאַר נייטיק צו דערמאָנען די סוחרים, וועגן אָנמעלדן זייערע סחורות. כדי אַרויסצופּאָמפּען פון עולם די רוסישע וואַליוטע און פאַרבייטן

זי מיט די אָבּאָסט־מאַרקן, איז דעם 7־טן מאַי אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פאַרבּאָט אָנצונעמען רוסיש געלט אין אָבּאָסט. אין אַ וואָך אַרום ווערט דערמאָנט וועגן דעם פאַרבּאָט אַרויסצופאָרן פון ווילנע אָן אַ שיין.*)

דער שטילשטאַנד אין ווילנער מסחר האָט זיך אַזוי געצויגן ביז סעפּטעמבער 1917, ווען ס'איז געפאַלן ריגע. דאַן הייבט זיך אָן אַ נייער שמוכל. דאָס ביסל עסנוואַרג, וואָס ווילנער קאַנט האָט נאָך פאַרמאָגט, איז וואַגאָנעסווייז אַרויסגעפירט געוואָרן אין דער אַיינגענומענער און אויסגעהונגערטער שטאָט. אַ סך שמוכלער זיינען דערפון נתעשר געוואָרן, אָבער פאַר דער ווילנער באַפעלקערונג בכלל איז דער דאָזיקער אַרויספיר געווען ממש אַן אומגליק. די געוועזט שוין געפאַלענע פרייזן (צוליב דער גרויסער גערעטעניש אויף קאַרטאָפל) זיינען תיכף באַדייטנד געשטויגן און אויפגעשרויפט געוואָרן און פון 4 נאָוועמבער 1917 האָט מען אָנגעהויבן צו באַקן ברויט מיט קאַרטאָפל. אָבער דער יום־טוב ביי די שמוכלער האָט ניט לאַנג געדויערט; דעם 13־טן דעצעמבער 1917 איז געשלאָסן געוואָרן וואָפנשטילשטאַנד צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד און דאָס האָט אַרויסגערופן אַ נייע ירידה אויף די פרייזן, וועלכע האָט דערגרייכט איר העכסטע שטופע דעם 12־טן פעברואַר 1918, ווען ס'איז אונטערגעשריבן געוואָרן דער שלום צווישן דייטשלאַנד מיט אוקראַינע און טראָצקי האָט אָפיציעל געמאָלדן, אַז רוסלאַנד דעמאָביליזירט זיך. אָבער די ירידה איז געווען ניט אויף לאַנג: דעם 21־טן פעברואַר האָבן די דייטשן פאַרנומען מינסק און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער שמוכל מיט דער מינסקער געגנט, וועלכע איז זייער נאָענט צו ווילנע. דער האַנדל האָט נאָכמער אויפגעלעבט, ווען די דייטשן האָבן (דעם 14־טן מערץ) פאַרנומען אָדעס און פאַרן יידישן סוחר האָט זיך געעפנט דער אומגעהייערער געביט פון באַלטישן ים ביזן שוואַרצן. ווילנע איז געוואָרן איינער פון די עטאַפּן־פונקטן פאַר דעם גרויסן שמוכל־מסחר, וואָרים מ'דאַרף געדענקען, אַז נאָך די אַלע שלום־אָפּמאַכן און אָקופּאַציעס פון נייע געביטן זיינען קיינע פון די פאַרבאָטן אויף דעם פרייען מסחר ניט געמינערט געוואָרן. דעם 19־טן אַפּריל איז ראַטיפיצירט געוואָרן דער רוסישער שלום, און דער מסחר אין ווילנע האָט נאָך מער אויפגעלעבט. מען האָט אָנגעהויבן גוט צו לייזן פאַר מאַנופאַקטור, גאַלאַנטעריי. עס האָבן זיך באַוויזן סוחרים פון דער פּראָווינץ. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער צוריקקער פון היימלאָזע פון די רוסישע גובערניעס קיין ווילנע. אויך די אַמאָליקע ווילנער סוחרים און פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן זיך עוואַקואירט פון ווילנע אין יאָר 1915, זיינען געקומען אָפּנעמען זייערע געזינדן, אַרויספירן זיי צו זיך אין זייער נייער היים אין רוסלאַנד, וואו זיי האָבן זיך גוט איינגעאָרדנט און באַוויזן אַפילו רייך צו ווערן. אָבער אַ סך פון זיי זיינען געקומען צוריק אויף צו באַזעצן זיך שטענדיק אין ווילנע. אויך די שטענדיקע ווילנער סוחרים זיינען ניט געשלאָפן; מען האָט אָנגעהויבן טראַנספּאָרטירן סחורה קיין מינסק, אָרשע, האָמעל, קיעוו, וואוהין ס'פלעגן קומען רוסישע סוחרים פון די קאָאָפּעראַטיווע פאַרבאַנדן און אַלץ אויסקויפן פאַר הויכע פרייזן. פאַרקערט ווידער פון אוקראַינע האָט מען געליפערט צוקער, לעדער א. ד. ג. דער מסחר איז געגאַנגען גרויס און לעבעדיק און האָט געגרייכט אַזש ביז מאָסקווע, וואוהין מ'האָט שוין געגעבן ערלויבענישן צו פאָרן. אַ סך מענטשן האָבן אין משך פון זומער 1918 געמאַכט קאָלאָסאַלע פאַרמעגנס אין די מיליאָנען.

*) אויף וויפיל די דייטשן האָבן אויסגעפּאָמפּעט די אָרימע ליטע און רואינירט דורכדעם איר עקאָנאָמישן צושטאַנד איז צו זען דערפון, וואָס בלויז אויף די עטלעכע מאַרמעלאַד־פאַבריקן פון ווילנע, וועלכע האָבן געאַרבעט ספּעציעל פאַר דער רעגירונג, האָט מען פאַרן זומער 1917 אויסגעאַרבעט פון די אין ווילנער געגנט רעקווירירטע פּרוכט אויף 20 מיליאָן דייטשע מאַרקן מאַרמעלאַד.



צוזאַמען מיט דער אויפלעבונג פון מסחר האָבן די אָנגעשטעלטע אַרויסגעשטעלט הוספה־פאָדערונגען אויף 100—70 פּראָצ., וועלכע זיינען פון דאָס רוב פירמעס באַפרידיקט געוואָרן מיטן גוטן ווילן. אויך די דייטשע רעגירונג האָט אָנגענומען מיטלען און זאָגאַר געשיקט אַ דעלעגאַציע קיין מאָסקווע, כדי אָנצוקניפּן האַנדלס־באַציאונגען מיט רוסלאַנד און זעען אַריינפירן פון דאָרט פאַרשיידענע סחורות, ווי מאַנופאַקטור, טיי, נאַפט א. ד. ג. אין דער דאָזיקער קאָמיסיע זיינען אַריין די אָנגעזעענסטע יידישע סוחרים פון מינסק, דער גרעסטער גרעניץ־שטאָט מיט רוסלאַנד.

דער מסחר איז פאַרגרינגערט געוואָרן אויך דערמיט, וואָס ס'איז ערלויבט געוואָרן צו יענער צייט פאָרן אין אַ גאַנצער ריי שטעט, סיי פאַר באַן סיי פאַר אַקס, אָן באַזונדערע רייזע־שיינען. אַ געוויסע ראָלע אין דער אויפלעבונג פון האַנדל האָט געשפּילט די אָסט־באַנק אין ווילנע, דורך וועלכער מ'האָט געקענט שיקן געלט־אָנווייזונגען קיין מינסק און אוקראַינע, וואו די באַנק האָט געהאַט אָפּטיילונגען. די אויפלעבונג פון מסחר האָט געשאַפן אַ סך פּרנסה אין שטאָט און דער כראָניקער פון ווילנער יידישער צייטונג האָט שוין געקאָנט פאַרצייכענען, אַז דער שבועות פון 1918 יאָר איז דורכגעגאַנגען לעבעדיק און פריילעך מיט אַ סך קאָנצערטן און פאַרוויילונגען, וועלכע האָבן צוגעצויגן אַ זייער גרויסן עולם. אויך די דאַטשעס אין שטאָט־געגנט זיינען געווען געפּאַקט פול מיט מענטשן געקליידט יום־טובדיק, גאָר ניט קיין דמיון צו דעם טרויעריקן יאָר 1917.

דער דאָזיקער צושטאַנד האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט. דעם 1־טן נאָוועמבער 1918 האָט אין דייטשלאַנד אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע, ווילהעלם האָט אַבדיקירט און ס'האָט זיך געגרינדעט די דייטשע רעפּובליק מיט די דייטשע סאָלדאַטנראַטן. ביסלעכווייז האָבן די דייטשן אָנגעהויבן צו עוואַקואירן די פאַרנומענע געביטן, צוערשט אוקראַינע און נאָכהער ווייסרוסלאַנד. זייערע ערטער האָבן פאַרנומען די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן זיך אַזוי אַרום גערוקט אַלץ נעענטער צו ווילנע. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע צעטומלונג אין עולם המסחר, קודם־כל צוליב דעם, וואָס דער עולם האָט געמיינט, אַז מיטן אַוועקגיין פון די דייטשן וועט דער אָסט־מאַרק אינגאַנצן פאַרלירן זיין ווערט, און מ'האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען די אָסטמאַרקן אין האַנדלספאַרקער. דאָס האָט געגעבן די דייטשע אָקופּאַנטן צו וועגדן זיך מיט אַן אויפקלערונג צו דער באַפעלקערונג, אָנווייזנדיק דעם טעות דערפון.

די טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין ווילנע זיינען שוין געוואָרן געציילטע, פון טאָג צו טאָג זיינען אָנגעקומען קיין ווילנע פאַרמעגלעכע מענטשן פון האָמעל, מינסק, וועלכע זיינען צוזאַמען מיט דער דייטשער עוואַקואַציע אַנטלאָפן פון די באָלשעוויקעס. די שטאָט איז געוואָרן איבערפילט מיט מענטשן, דער יקרות איז געשטיגן, דער מסחר האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט און אַ סך גרויסע ווילנער פירמעס האָבן, צוזאַמען מיט די אָנגעפאַרענע, געגומען עוואַקואירן זייער סחורה ווער קיין ריגע, ווער קיין קאָוונע און ווער גאָר קיין דייטשלאַנד. די אַרבעטער האָבן זיך אויך אָנגעהויבן צו פילן שטאַרקער, האָפנדיק אויפן באַלדיקן אָנקומען פון די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן בינו לבינו אָנגעפילט די שטאָט מיט זייערע אַגיטאַטאָרס. אין שטאָט האָבן זיך דאַן געפונען פיר מאַכטן: די זיך עוואַקואירנדיקע דייטשן, די ליטווישע טאַריבע, דער פוילישער קאָמיטעט און דער אַרבעטער־ראַט. ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז ביי אַזאַ צושטאַנד איז וועגן מסחר קיין שום רייד ניט געווען, דאָך האָבן אייניקע סוחרים באַוויזן רייך צו ווערן, אָפּקויפנדיק בחצי חנם ביים דייטשן שטאָטהויפּטמאַן די זאַפּאַסן פון צוקער וכדומה, וואָס די דייטשן האָבן ניט באַוויזן אַרויסצופירן.

דעם 18=טן דעצעמבער האָט דער דייטשער שטאָטהויפּטמאַן איבערגעגעבן די שטאָטפאַרוואַלטונג אין די הענט פון אַ קאָמיסיע און אין דעמזעלבן טאָג האָט דער אַרבעטער=ראַט אַרויסגעגעבן אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז די גאַנצע מאַכט גייט איבער צו אים אין די הענט. דער אַרבעטער=ראַט האָט גלייך פאַרעפנטלעכט אַ פאַראָרדענונג, וואָס האָט לחלוטין צעשטערט דאָס ביסל איבערגעבליבענעם האַנדל: ס'איז פאַרווערט געוואָרן אַרויסצופאָרן פון שטאָט, ניט אַרויסצופירן קיין סחורה, ניט צו העכערן די פרייזן, וואָרענדיק דערביי מיט קאָנפיסקירן די באַהאַלטענע סחורות. דער פוילישער קאָמיטעט האָט אויך ניט געשוויגן און האָט נאָכן אַרויסגייען פון די דייטשן אויף אַ טאָג 6 באַהערשט די מאַכט. דעם 5=טן בייַנאַכט, יאַנואַר 1919 זיינען קיין ווילנע אַריין די באָלשעוויקעס און דאָ הייבט זיך אָן אַ נייַ בלעטל אין דער געשיכטע פון יידישן האַנדל און מסחר.

———

.III

אויף מאָרגן נאָך זייער אַריינגאַנג האָבן די באָלשעוויקעס גלייך אַוועקגעשטעלט וואַכן אָפּצוהיטן אַלע תבואה=סקלאַדן און מילן, וואָרים דעם גאַנצן פרימאָרגן האָט דער המון אַרום טישקעוויטשעס „באַן=צווייג" צעראַבירט און צעשלעפּט אַלע זאַפּאַסן פון עסנוואַרג, וואָס איז פאַרבליבן נאָך די דייטשן. מ'האָט אויך צענומען אַלע זאַפּאַסן פון דער מאַרמעלאַד=פאַבריק „וויקטאָריאַ" אויף קאַווקאַזער ג. ביי דער שטימונג, וואָס האָט יענע טעג געהערשט אין שטאָט האָט וועגן מסחר קיין רייד ניט געקאָנט זיין. ערשט דעם 10=טן יאַנואַר האָט זיך איינגעשטעלט אַ שטיקל אָרדענונג; ס'האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן דער „רעווקאָם" (רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט) און ביי אים די אָפּטיילונג צו קעמפן קעגן ספּעקולאַציע. דעם 13=טן יאַנואַר איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער ערשטער דעקרעט פון „רעווקאָם" צו רעקווירירן אַלע באַהאַלטענע שפּייז=פּראָדוקטן, ווי אויך די סחורות, וואָס מ'האָט אָפּגעקויפט ביי די דייטשן, קעגן פאַרבאָט פון אַרבעטער=ראַט. צוזאַמען דערמיט איז אויך געמאָלדן געוואָרן, אַז אין די נאָענטסטע טעג וועט פעסטגעשטעלט ווערן, אויף וועלכע סחורות איז בכלל חל רעקוויזיציע און אין וואָס פאַר אַ מאָס דער אַרויספיר פון סחורה איז ערלויבט. מיט אַ טאָג שפּעטער איז שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ צווייטער באַפעל צו מעלדן צייט דריי טעג אַלע לאַגערן פון פּאַפּיר און באַגרעניצן דעם עצם פאַרקויף פון פּאַפּירוואַרג. אויך אַלע דרוקערייען האָט מען מחייב געווען אָנצומעלדן זיך.

ווי נאָר די באָלשעוויקעס זיינען אַריין אין שטאָט, איז אויך אַרויס אַ באַפעל, אַז מען מוז אָננעמען אַלע מינים רוסיש געלט, צאַרישע, קערענקעס און דומע צו איין קורס ד. ה.: איין מאַרק איז גלייך אַ $1/2$ רוסישן רובל קערענקעס. פלעגן מאַנכע גיין אין די געשעפטן קויפן מיט אַ כיוון פאַר פינף רובל סחורה, געבן אַ קערענקע פון 20 רובל, צו באַקומען 15 רובל צאַרישע אויסגאַב (וואָרים קיין קלענערע אַסיגנאַציעס קערענקעס זיינען דאָך ניט געווען). דאָס האָט אייגנטלעך געהייסן צו באַקומען סחורה אָן געלט, ווייל די דיפערענץ צווישן 15 רובל צאַרישע און אַ 20 רובלדיקער קערענקע האָט באַטראָפן מער ווי די 5 רובל פדיון. צוליב דער דאָזיקער ספּעקולאַציע איז אַרויס אַ באַפעל, אַז ווען איינער גיט צו לייזן ווייניקער ווי צען רובל איז מען אים ניט מחויב צו געבן אויסגאַב. פאַר ניט וועלן אָננעמען קערענקעס צום זעלבן קורס ווי צאַרישע, האָט געדראָט אַ האַרבע שטראָף, שיר ניט טויטשטראָף. פאַרקערט אָבער האָבן די אָנגעשטעלטע און אַרבעטער געמאָנט ביי די בעלי=בתים דווקא צאַרישע. פיל מאָל פלעגט אויך טרעפן, אַז איינער פלעגט קויפן פאַר עטלעכע רובל סחורה און די סוחרים פלעגן ניט וועלן געבן קיין אויסגאַב מיט צאַרישע, האָט מען דעם קונה די סחורה אינגאַנצן געשאָנקען אָן געלט, אום ניט צוצולייגן דעם גרויסן קורס=אונטערשייד, טיילמאָל פ[illegible] אָבער דער קונה זיך איינשטעלן און פאָדערן ניט אַנדערש צאַרישע אויסגאַב, טענהנענדיק, אַז ער וויל ניט קיין מתנות. דאָס ברויט איז תיכף צוליב דעם פאַרשוואונדן פון די קראָמען, ווייל קאָרן מוז מען דאָך קויפן ביים פויער און דער פויער האָט פאַרקויפט נאָר פאַר צאַרישע. דער צער פון די אָרימעלייט און די רעגירונגס=אָנגעשטעלטע איז געווען אין לשער, ווייל קיין צאַרישע האָבן זיי ניט געהאַט און קיין קערענקעס האָט מען ניט געוואָלט אָננעמען אָדער מען פלעגט פאַררעכענען פאַר העלפט געלט. אויך די קרעמער האָבן געהאַט גרויסע עינויים פון די קערענקעס מיט די צאַרישע. ווען מען פלעגט געפינען צאַריש געלט ביי אַ רעוויזיע האָט מען עס תיכף אויסגעביטן אויף קערענקעס, און אָסטמאַרקן פלעגט מען אינגאַנצן צונעמען. צוליב דער גזרה צוזאַמען מיט דער פאַראָרדענונג, אַז פון 1 פעברואַר 1919 וועט דער אָסטמאַרק אינגאַנצן ניט זיין גילטיק, זיינען כמעט אַלע סוחרים געווען געצוואונגען אויסצובייטן זייער אָסטגעלט צו אַ גאַנץ נידעריקן קורס אויף רוסיש געלט אין דומע=שיינען אָדער אין צאַרישע.

דעם 24=טן יאַנואַר איז פאַרבאָטן געוואָרן איינצוקויפן לעבנסמיטלען אויף די ערטער. דער איינקויף איז געוואָרן ערלויבט נאָר דורכן רעווקאָם. אויך האָט מען אָנגענומען שטרענגע מיטלען קעגן ספּעקולאַציע. אין אַ טאָג אַרום איז אַרויס אַ באַפעל צו פאַררעגיסטרירן אַלע זעג=מילן און אויפגעבן, וויפיל סחורה ס'געפינט זיך אויף זיי. די דעקרעטן קעגן מסחר האָבן זיך געשאָטן אַלע טאָג ווי אַ האָגל. אַלע סוחרים האָבן געוואָלט פּטור ווערן פון זייערע סחורה ערשטנס אויס מורא פאַר רעקוויזיציעס און צווייטנס צו פאַרשפּאָרן צו האַלטן אַ פּערסאָנאַל, אָבער קיינער האָט ניט געקויפט.

אַ געוויסע אויפלעבונג האָט אַריינגעבראַכט אין מסחר די באַנייאונג פון דער קאָמוניקאַציע מינסק—ווילנע (28=טן יאַנואַר). עס זיינען אָנגעפאָרן פון צענטראַל=רוסלאַנד פאָרשטייער פון פאַרשיידענע „סאָוונאַרכאָזן", קאָאָפּעראַטיווע זעמסקע פאַרבאַנדן, וועלכע זיינען געקומען מיט מיליאָנען און דווקא צאַרישע און האָבן אָנגעהויבן אויסקויפן גאַנצע קראָמען סחורה ווי זיי שטייען און גייען, צאָלנדיק גאַנץ הויכע פרייזן. די סחורה פלעגן זיי צוערשט אָפּלייגן אין זייערע אייגענע סקלאַדן, וועלכע זיי האָבן געדונגען אין ווילנע און נאָכהער אַרויסשיקן וואַגאָנסווייז קיין רוסלאַנד. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער פּאַסעק אויף סחורה און מענטשן זיינען ווידער נתעשר געוואָרן.

דאָ איז אָבער אַנטשטאַנען אַ קאַמף צווישן דער מאַכט פון דער „ליטוויש=ווייסרוסישער סאָוועטישער רעפּובליק", וועלכע איז געווען קעגן אַרויספירן אַלע סחורות פון אונזער קאַנט, און צווישן די פאָרשטייער פון דער צענטראַלער מאָסקווער רעגירונג, וועלכע זיינען געווען פאַר אַרויספירן, ווייל די רוסישע צענטראַלע שטעט האָבן זיך זייער גענייטיקט דעריין. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די ווילנער מאַכט האָט זיך געווענדעט דעם 15=טן פעברואַר אין מאָסקווע וועגן דעם, וואָס די מיליטער=אָפּטיילונגען פירן אַרויס פון ווילנע אַרטיקלען, אָפטמאָל זאָגאַר באַנוצנדיק דערביי זייער געווער.

דעם 30=טן יאַנואַר איז פאַרווערט געוואָרן אַריינצופאָרן אין אונזער געגנט פון רוסלאַנד צוליב מאַנגל אין לעבנסמיטלען. אַרויספירן לעבנסמיטלען איז אינגאַנצן פאַרווערט געוואָרן. אַפילו פּאַסאַזשירן האָבן געמעגט מיטפירן מיט זיך בסך=הכל 10 פונט. דעם 1=טן פעברואַר איז אַרויס אַ באַפעל אַרונטערצונעמען אַלע דייטשע שילדן. דעם 3=טן פעברואַר איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס אין רעווקאָם: 1) איינצופירן אַ ברויט=מאָנאָפּאָל, 2) אָננעמען שטרענגע מיטלען קעגן ספּעקולאַציע און 3) שטרעבן דורכצופירן די נאַציאָנאַליזאַציע פון האַנדל. אויך איז אַרויס אַ פאַר=

אָרדענונג צו רעגיסטרירן אַלע האַנדלס־אונטערנעמונגען. אַרויס־
פאָרן פון ווילנע איז ערלויבט געוואָרן נאָר מיט אַ באַזונדער
פאַרטײַ־מאַנדאַט.

דעם 1־טן פעברואַר האָט זיך געעפענט דער באַן־פאַרקער
דווינסק—ווילנע און צוזאַמען דערמיט זײַנען צוגעקומען אַ נײַער,
ביז דאַן אומבאַקאַנטער, מין קונים, די אַזוי גערופענע „זעקלטרעגער"
(„מעשאָטשניקעס"). די צרה אָבער מיט די פאַרשײדענע רוסישע
געלט און זײערע פאַרשײדענע קורסן האָבן געשאַפן גרויסע לײדן
די סוחרים. שוין די ערשטע זיצונג פון רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל,
דעם 19־טן פעברואַר, האָט זיך געעפנט מיט משפטים פאַר ניט
נעמען קײן קערענקעס.

דעם 20־טן פעברואַר איז פאַרבאָטן געוואָרן אַרויסצופירן
שוכוואַרג און ס'איז פאַראָרדנט געוואָרן אָנצומעלדן אַלע פאַרטיקע
שוכוואַרג, ווײל די רעגירונג וויל עס קויפן. דעם 20־טן פעברואַר
האָט די רעגירונג געמוזט צוליב דעם הונגער ערלויבן פרײ אַרײנ־
פירן תבואה פון אומגעגנט, טראָץ איר פ אַ ר ב אָ ט פון 24־טן יאַנואַר.
דעם 22־טן פעברואַר איז אַרויס אַ נײַע גזרה פאַר די קרעמער: געבן
פון קערענקעס אויסגאָב מיט צאַרישע אפילו דאַן, ווען מען גיט
צו לײזן ווײניקער ווי 10 רובל. אויך איז צו יענער צײט געווען
אַ גרויסע צרה, וואָס מען האָט ניט געוואָלט נעמען קײן צאַרישע
5 רובלדיקע אין פולן קורס. דאָס אַלץ איז אָבער נאָך געווען
גאָרנישט לגבי די געשעענישן פון 25־טן פעברואַר: אינדערפרי האָבן
אַלע קרעמער געפונען פאַרחתמעט זײערע געשעפטן, איבערהויפט
מאַנופאַקטור, גאַלאַנטערײ און שוכוואַרג. רײטער זײנען געריטן
איבער די גאַסן און געהיט, מ'זאָל ניט אַראָפרײסן די חתימות.
אַלע דורכגײער האָט מען רעווידירט, אַפילו, די וואָס האָבן גע־
טראָגן דאָס קלענסטע פעקעלע. אויך האָט מען געזוכט אין אַלע
הײזער און צוגענומען אַפילו אַ זאַפּאַס פון אַ פאָר פונט מעל
אָדער גרויפן. די איבעריקע געשעפטן פון אַנדערע בראַנזשעס,
וועלכע מ'האָט יענעם טאָג ניט פאַרחתמעט, האָבן זיך געריכט
דערויף אַלע ווײלע. האָבן אַן אָפענעם געשעפט אין יענער צײט
איז געווען די גרעסטע צרה. דעם 26־טן פעברואַר איז ווידער
אַרויס אַ האַרבער באַפעל פאַר אָננעמען קערענקעס לויט אַ נידע־
ריקערן קורס ווי צאַרישע.

ס'זײנען אָבער געווען אַנדערע מיני מסחרים, אָן וועלכע
מענטשן זײנען נתעשר געוואָרן. דערהויפט האָבן גוט פאַרדינט
די פאָדריאַדטשיקעס, וואָס האָבן געבראַכט סחורה פון הינטער דער
דעמאַרק־ליניע. די דאָזיקע פאָדריאַדטשיקעס האָט די סאָוועטישע
רעגירונג געצאָלט מיט צאַרישע און זאָגאַר געגעבן קאָלאָסאַלע
סומען אַלס אַוואַנס. אָבער נאָכדעם, ווי אַ סך פון זײ זײנען נעלם
געוואָרן מיטן געלט, האָט מען שוין אויסגעצאָלט נאָר דאַן, ווען
מען פלעגט צושטעלן די סחורה. די פרנסה דערבײ איז געווען אַ
צווײאיקע: ערשטנס האָט די רעגירונג געצאָלט הויכע פרײזן און
צווײטנס פלעגט מען מאַכן דערבײ שמוכל, דען האָבנדיק אַלע
פאַפירן מיט ערלויבענישן אויף אַרײנפירן סחורה, פלעגט מען דעם
גרעסטן טײל פאַרקויפן פריוואַט פאַר ספעקולאַטיווע פרײזן און
נאָר אַ קלײנעם טײל פון יוצא וועגן אָפּגעבן דער רעגירונג.

די אָפענע געשעפטן, האָט מען געזען פון טאָג צו טאָג
אַלץ מער אונטערצוגראָבן. דער חורבן פון פריוואַטן מסחר איז
געווען אַזוי שרעקלעך, אַז אַפילו די סאָציאַליסטישע פרעסע, ווי למשל,
דער אָרגאַן פון „בונד", „אונזער שטימע", האָט געפונען פאַר נײ־
טיק צו רעאַגירן דערויף אין אַ גרויסן לײטאַרטיקל (דעם 22־טן
פעברואַר). צווישן אַנדערן שרײבט זי: „די קראָמען פאַרשפאַרט,
די אָנגעשטעלטע אַרבעטסלאָז און קײן ברעקל סחורה ניטאָ אויף
אַ רפואָה".

די סאָוועטישע מאַכט האָט זיך אָבער געטאָן דאָס אירע
און דעם זעלבן טאָג זײנען נאַציאָנאַליזירט געוואָרן אַלע וועלדער





און אַלע קאָנטראַקטן זײנען בטל געוואָרן, אויך דאָס גאַנצע פאַר־
טיקע געהילץ איז רעקווירירט געוואָרן.

דערווײלע האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען די באָלשעוויסטישע
לאַגע אויף די פראָנטן לעבן ווילנע, ס'זײנען פאַרשפרײט געוואָרן
קלאַנגען, אַז פילסודסקי גײט אויף ווילנע מיט אַ גרויסער פויל־
שער אַרמײ. אַ גרויסן טומל אין עולם־המסחר האָט דאַן אַרויסגע־
רופן די פאַראָרדענונג צו רעגיסטרירן אַלע מענלעכע בירגער ביז
40 יאָר און פאַררעכענען זײ אַלס מיליטער־פליכטיקע, ווײל ניט
זײענדיק זיכער, אַז מען איז פרײ פון מיליטערדינסט, האָט קײ־
נער ניט געוואָלט קריכן אין נײַע געשעפטן.

צוליב דעם, וואָס דאָס פאַרחתמענען אַלע געשעפטן האָט גע־
שאַפן זײער פיל אַרבעטסלאָזע און אַרויסגערופן אַ גרויסע אומצו־
פרידנקײט צווישן די האַנדלס־אָנגעשטעלטע, האָט מען נאַכהער
ערלויבט צו עפענען אַ טײל געשעפטן צוריק, מיט דעם תנאי, אַז
די סחורה טאָר מען ניט פאַרקויפן און פאַרן רעכט צו האַלטן אָפן
די טירן פון זײערע געוועלבער דאַרפן די בעלי־בתים צאָלן
שכירות זײערע אָנגעשטעלטע. דאָס אײגענע איז אויך געווען בנוגע
פאַטענטן און שטײערן, ניט קוקנדיק אויף דער נאַציאָנאַליזאַציע
פון די געשעפטן, האָט דער ווילנער „איספּאָלקאָם" דעם 16־טן מערץ
באַשלאָסן אויסצואַרבעטן אין משך פון אַ וואָך צײט אַ פּלאַן פאַר
פאַטענטן און שטײערן. דעם 17־טן אַפּריל, ד. ה. צווײ טעג פאַרן
פאַרנעמען ווילנע דורך דעם פוילישן מיליטער, האָט מען ווידער
פאַרחתמעט אַלע מאַנופאַקטור־און אַפּטײק־געשעפטן. דער איס־
פּאָלקאָם האָט זיך נעבעך ניט גערעכנט, אַז אין 2 טעג אַרום וועט
אים אויסקומען צו לויפן פון ווילנע. דעם 19־טן אַפּריל זײנען אין
ווילנע אַרײַן די פוילישע לעגיאָנערן און די באָלשעוויסטישע
ממשלה האָט זיך געענדיקט מיט דער פולשטענדיקער צערואינירונג
פון דעם האַנדל.

---

IV.

דאָס ווידערפאַרנעמען ווילנע דורך די פּאָליאַקן דעם 19־טן
אַפּריל 1919 י. איז פאַר די באָלשעוויקעס געקומען גאַנץ אומגע־
ריכט, אָבער די ייִדישע באַפעלקערונג האָט שוין נאָך מיט עט־
לעכע וואָכן פריער געשפּירט, אַז מיט די ערשטע שטראַלן פון
פרילינג, וועלן די פּאָליאַקן אונטערנעמען אַ מיליטערישע אַקציע
אויפן ווילנער פראָנט און אויס מורא פאַר מעגלעכע הריגות און
פּאָגראָמען בײם פאַרנעמען די שטאָט, האָבן פיל סוחרים איבער־
געלאָזט זײערע געשעפטן אין די הענט פון זײערע פרויען און
אַלײן אַריבערגעשמוכלט זיך קײן קאָוונע, גלויבנדיק, אַז די פרויען
און קינדער וועט מען געוויס ניט אָנרירן.

דאָס ערוואַרטע איז געקומען אָבער נאָך אַ סך גרויזאַמער,
ווי מען האָט זיך דאָס פריער געקאָנט פאָרשטעלן. און וועגן וואָס
ניט איז פאַר אַ האַנדל אין די ערשטע טעג פון דער פוילישער
אָקופּאַציע האָט גאָר קײן רײד ניט געקאָנט זײן. ערשטנס זײנען
פיל געשעפטן אינגאַנצן צעראַבירט געוואָרן, צווײטנס האָט יעט־
ווידער ייִד מורא געהאַט זיך צו ווײזן אין גאַס: ס'איז געווען
ממש סכנת־נפשות, דריטנס האָט אַ ייִד ניט געקאָנט אַרויסגײן אין
די פאָרשטעטלעך קויפן עפּעס בײ די פויערים, ווײל ס'איז פאַר־
באָטן געוואָרן דורכצולאָזן אַ ייִדן דורך די בריקן, וועלכע פאַר־
אײניקן די שטאָט מיטן דאָרף, מען פלעגט צונעמען אַפילו אַ צווײ
פונטיק פעקעלע און פּערטנס האָט מען פּראָפּאַגאַנדירט צווישן די
דאָרפסלײט ניט צו פאַרקויפן ייִדן קײן עסנוואַרג.

דאָס רוב געוועלבער זײנען געשטאַנען געשלאָסן מיט אָנ־
געקלעפּטע אויפשריפטן: „דער געשעפט איז געשלאָסן צוליב דער
צעראַבירונג פון די סחורות". די אויפשריפטן האָבן אָבער געהאַט
אַ טאָפּלטן זין: דעם פשוטן טײטש פאַר די געשעפטן, וועלכע
זײנען ווירקלעך צעראַבירט געוואָרן און אַלס מיטל צו באַשיצן די

ניט=צעראַבירטע געשעפטן פון מעגלעכע נייע רויבערייען, אָפן זיינען געווען נאָר די קלענערע, גאַנץ פאַרבליבענע קרעמלעך. דאָס ניט דערלאָזן די יידן צום דאָרף, דאָס אַוועקרויבן ביים יידישן סוחר די מעגלעכקייט צו קויפן און אַריינפירן נייע לעבנסמיטלען, האָט זיך גלייך געלאָזט פילן אין שטאָט: דער הונגער איז געוואָרן שרעקלעך גרויס, אַזוי אַז לויט די אָפיציעלע דאַטן האָבן צו יענער צייט פון 48,453 יידן אין ווילנע, גאַנצע 20 טויזנט געמוזט אָנקומען טעגלעך צו דעם ביסל זופ אין די פאָלקסקיכן.

די אויבנדערמאָנטע צעטלען אויף די פאַרמאַכטע געשעפטן האָבן אָבער ניט לאַנג געדינט אַלס אַ שוץ; די מאַכט, וועלכע האָט געוואָלט צוגעבן דער שטאָט דעם אויסערלעכן אויסזען פון אַ נאָרמאַלן רואיקן לעבן, האָט דעם 9=טן מאַי אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע געשעפטן מוזן זיין אָפן, אַניט מוזן זיי אָנמעלדן, אַז ס׳איז ניטאָ קיין סחורה. אייניקע געשעפטן, וועלכע האָבן עובר געווען אויף דער דאָזיקער פאַראָרדענונג, זיינען גלייך פאַרחתמעט געוואָרן דורך דער פוילישער מאַכט.

די צרות פון יידישן סוחר האָבן זיך אָבער דערמיט אַליין ניט געענדיקט, ס׳האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ נייע צרה: דעם 9 מאַי איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ אָפיציעלער אָבליגאַטאָרישער געלטקורס פאַר אַלע קרעמער — 1 פוילישער מאַרק = איין דייטשער מאַרק און דעם 15=טן מאַי איז פאַראָרדנט געוואָרן, אַז די פרייזן אויף אַלע סחורות טאָרן ניט געהעכערט ווערן צוליב דעם נייעם געלטקורס, נאָר פאַרקערט, מען מוז פאַררעכענען די אַלע אַרטיקלען פונקט אויף אַ העלפט געלט ווי פריער, פאַר די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן גערעכנט צוויי דייטשע מאַרקן גלייך איין רוסישן רובל. ווען מיר זאָלן דערצו נאָך נעמען אין אַכט, אַז די יידישע סוחרים האָבן פאַר דער גאַנצער צייט פון דער באָלשעוויסטישער אָקופאַציע אויסגעלייזט זייער ביסל סחורה אין קערענקעס אָדער אין דומע=שיינען, קען מען באַגרייפן, וואָס פאַר אַ גרויסע היזקות דאָס האָט גורם געווען די יידישע סוחרים. וואָרים די דומע=שיינען זיינען באַרעכנט געוואָרן צו זייער אַ נידעריקן קורס און די קערענקעס האָט מען אינגאַנצן אויפגעהערט צו נעמען אין די שטאָטישע קראָמען און אין מאַגיסטראַט.

צו האַלטן אין יענער צייט אַ אָפענעם געשעפט איז געווען אַ גרויסע סכנה, ערשטנס צוליב די רויבערייען און בילבולים, וואָס מ׳פלעגט אַלע וויילע מאַכן אויף די קרעמער און צווייטנס צוליב די וואַליוטעס. אין די סקאַנדאַלן צווישן די יידן און לעגיאָנערן האָט אויך געשפילט אַ ראָלע דער אומשטאַנד, וואָס נאָכן אַוועקגיין פון די באָלשעוויקעס האָבן אויפגעלעבט די געהיימע ברייזלעך. די אַזוי אויך צורייצטע סאָלדאַטן פלעגן אָפט איינשיכורן זיך און מאַכן אַ טומל אין גאַס, אַרויסרופנדיק אַ פאַניק. דער טומל מיטן געלטקורס האָט געבראַכט דערצו, אַז אינגיכן האָבן זיך אין ווילנע געעפנט קאַנטאָרן צו בייטן געלט, און פיל מענטשן האָבן געצויגן דערפון זייער חיונה. דער נאָרמאַלער האַנדל איז געווען פאַרבונדן מיט זייער פיל שוועריקייטן, ערשטנס איז ניט געווען פון וועמען צו לייזן, ווייל די פראָווינץ איז געווען לחלוטין אָפגעשניטן פון ווילנע: ס׳איז געווען סכנות=נפשות צו לאָזן זיך אויף אַ פור קיין ווילנע נאָך סחורה, מען האָט אינדערוועגנס געראַבירט און געהרגעט; צווייטנס איז דער אַרויספאָר פון ווילנע געווען פאַרבונדן מיט גרויסע מניעות: קודם=כל האָט מען געמוזט האָבן אַ שיין מיט אַ וויזע פון דער זשאַנדאַרמעריע. היינט וואָסער ייד האָט זיך עס דערוועגט צו רוקן אין זשאַנדאַרמעריע, וואו מען קען נאָך אים אָננעמען פאַר אַ באָלשעוויק. און אגב האָט די מיליטערישע אייזנבאַן=דירעקציע דעם 13=טן מאַי געמאָלדן, אַז דער פאַרקער פאַר ציווילע פערזאָנען איז ערלויבט נאָר ביז לידע, און אויף אַזוי פיל וויפיל ס׳ערלויבן די מיליטערישע באַ=



דינגונגען, אי דאָס נאָר מיט אַ באַזונדער ערלויבעניש פון דער מיליטערישער מאַכט, און ועל=כולם, מיט דעם אויסרייד, אַז די אייזנבאַן=דירעקציע נעמט ניט אויף זיך די אחריות פאַר דער זיכערקייט פון די פאַסאַזשירן און פאַר דער גאַנצקייט פון באַגאַזש און סחורות. די לעצטע פונקטן האָבן אינגאַנצן אָפגענומען דעם מוט ביי די סוחרים צו פאָרן קיין וואַרשע, דעם איינציקן מקור פון סחורה. דערצו איז נאָך געווען אַ גזרה, וואָס מ׳האָט ניט געטאָרט פירן מיט זיך קיין סך געלט — היינט גיי פאָר קויפן סחורה אָן געלט!

די דאגת החיונה האָט אָבער פאָרט געטריבן דעם יידישן סוחר צוצופאַסן זיך צו די נייע אומשטענדן און מען איז געפאַלן אויף אַ נייער המצאה: יעדער סוחר האָט זיך באַמיט צו געפינען אַזאַ קריסט, וואָס זאָל ערשטנס זיין אַ באַאַמטער צי אַ מיליטערמאַן, וועלכער זאָל קענען אויף וואָס ניט איז פאַר אַן אופן באַקומען אַ פאַפיר, אַז ער פאָרט איינקויפן פראָדוקטן פאַר זיין אָפטיילונג, און צווייטנס זאָל ער זיין אַן אָרנטלעכער מאַן, מען זאָל אים קענען אָנגעטרויען געלט, ווייל ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, האָט מען קיין סך געלט ניט געטאָרט פירן אויס מורא פאַר קאָנפיסקאַציע, דריטנס האָט דער קריסט באַדאַרפט דינען אונטערוועגנס אַלס שומר און שוץ פאַרן יידן, ווייל ניט איין יידן האָט מען געשלאָגן און אַרויסגעוואָרפן פון וואַגאָן. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אַזעלכע קריסטן האָבן זיך געלאָזט גאַנץ גוט באַצאָלן — ביז אַ העלפט פון גאַנצן ריווח, אין דער צייט וואָס די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז געווען שטאַרק פראָטעזשירט און געשטיצט פון וואַרשע, מיטן צוועק אַרויסצורייסן דעם האַנדל פון יידישע הענט. אַזוי, למשל, האָט זיך דעם 11=טן מאַי געגרינדעט אַ קריסטלעכער אַנגראָ=שפייזלאַגער צו באַזאָרגן אַלע קליינע קריסטלעכע קרעמער מיט סחורה. נאָך ערגער איז אָבער געווען, וואָס ווען עס האָט זיך שוין נאָך פיל מי איינגעגעבן צו ברענגען די סחורה קיין ווילנע, איז מען נאָך אויך ניט געווען זיכער, אַז מען זאָל די סחורה ניט צונעמען, ווייל דעם 29=טן מאַי איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג צו גרינדן אַנשטאַלטן צו קעמפן מיט יקרות און ספעקולאַציע מיטן רעכט צו קאָנפיסקירן די סחורה. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אַראָפנעמען אַ פעקל סחורה פון באַן האָט געקאָסט פיל טרחה, געזונט, געלט און פראָטעקציע, ס׳האָבן זיך גלייך געעפנט עקספעדיציאָנעלע קאַנטאָרן, וועלכע האָבן געהאַט די נייטיקע פאַרבינדונגען און פאַר אַ געוויסן אָפצאָל פלעגן זיי אויסלייזן די פעקלעך.

די ניי=געבראַכטע וואַרשעווער סחורה האָט צו יענער צייט אַרויסגערופן אַ שרעקלעכע ירידה אויף די פרייזן, ווייל דער פוילישער מאַרק איז דאַן געשטאַנען זייער הויך (12 מאַרק אַ דאָלאַר!). האָט מען אין וואַרשע געקראָגן סחורה לפי=ערך גאַנץ ביליג, אין דער צייט וואָס די ווילנער סוחרים, ביי וועמען ס׳איז נאָך פאַרבליבן אַ ביסל סחורה, האָט עס נאָך געקאָסט גאַנץ טייער. די שמוכלער, ווי אויך די וואַרשעווער סוחרים, וועלכע האָבן געוואָלט מזכה זיין די אויסגעהונגערטע ווילנע מיט כל המינים אַרטיקלען, האָבן אָנגעפירט אַזוי פיל סחורה, אַז מ׳האָט עס געמוזט פאַרקויפן צו נאָך ביליגערע פרייזן ווי אין וואַרשע. פאַרדינט פיל געלט האָבן די, וועלכע האָבן געבראַכט די ערשטע און האָבן איבערראַשט די סוחרים מיט די נידעריקע פרייזן, נאַכהער אָבער האָבן זיך די סוחרים אָפגעהאַלטן פון צו קויפן, ערשטנס, ווייל מ׳האָט אָנגעבראַכט פיל מער סחורה ווי ווילנע האָט געקענט פאַרברויכן און צווייטנס האָט דער ווילנער קרעמער געמיינט, אַז וואָס אַ טאָג ווייטער, וועט ער קריגן אַלץ ביליגער. געראַטעוועט די פעקלפירער האָט נאָר דאָס, וואָס אין ווילנע האָבן זיי די סחורה די ערשטע צייט פאַרקויפט אויף צאַרישע רובלס, בשעת ווען אין וואַרשע האָבן זיי געקויפט פאַר פוילישע מאַרקן, האָבן זיי דערביי געהאַט ריווח די קורס=דיפערענץ.

ביסלעכווייז זיינען געקומען אייניקע פאַרלייכטערונגען פאַר דעם האַנדל. דעם 1 יוני איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז ווילנע און גראָדנע גייט איבער פון אַ מיליטערישער פאַרוואַלטונג צו אַ ציווילער, אויך האָט אין זעלבן טאָג אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן ביים שטאָטראַט אַ האַנדלס=סעקציע בראש פון וועלכער ס'איז געשטעלט געוואָרן אַ ייד, ה' ט ר אָ צ ק י. דעם 14 יוני איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדענונג, וועלכע ערלויבט דעם פרייען אַריינפיר פון אַלע מינים פראָדוקטן קיין ווילנע און פאַרבאָט אַרויסצופירן לעבנסמיטלען און אַנדערע סחורות אונטער דער התראה פון 3 חדשים געפענגעניש און קאָנפיסקאַציע פון דער סחורה. דער לעצטער טייל פון דער פאַראָרדענונג האָט כמעט אינגאַנצן בטל געמאַכט דעם היתר, ווייל וואָס איז די פעולה פון ברענגען סחורה, אַז מען קען ניט לייזן פון די געקומענע שטעטלשע אורחים? איבערהויפט האָט זיך אָבער דער מסחר ניט געקאָנט אַוועקשטעלן אויפן נאָרמאַלן וועג, ווייל גאַנץ אָפט פלעגן פאָרקומען רעקוויזיציעס. דערצו נאָך איז דער פראָנט געווען גאַנץ נאָענט צו ווילנע און אין שטאָט פלעגט זיך גאַנץ אָפט הערן די שיסעריי פון אומגעגנט, וואָס האָט שטאַרק דענערווירט די אָנגעשראָקענע, איבערהויפט יידישע, באַפעלקערונג. אַחוצדעם פלעגט מען מורא האָבן צו גיין אין גאַס צוליב דער כאַפעניש אויף אַרבעט. אויך איז דעם 29 מאַי אַרויס אַ פאַראָרדענונג, וואָס האָט באַשווערט דאָס באַקומען רייזעשיינען און אַ ביסל שפּעטער איז דערצו צוגעקומען די פאַרשלעפּעניש מיט אַ „שיין וועגן ריינלעכקייט".

אַ פאַרלייכטערונג פאַרן האַנדל איז געקומען דורך די אָפּטיילונגען פון די וואַרשעווער האַנדלסבענק, וואָס האָבן זיך געעפנט אין ווילנע. אָבער נאָרמאַל האָט ער זיך נאָך אַלץ ניט געקענט אַנטוויקלען צוליב די רעקוויזיציעס, וואָס האָבן נאָך אַלץ ניט אויפגעהערט (אַזוי, למשל, האָט מען דעם 6 יוני אַרומגערינגלט גאַנצע הויפן און רעווידירט פון שטוב צו שטוב, צוגענומען קאָלדרעס, וועש, קליידער, זאַכן א. ד. ג.). דערצו נאָך האָט דער יידישער סוחר געהאַט גענוג צרות ביים אַריינברענגען אַ וואַרשעווער פ ע ק ל קיין ווילנע, מחמת אין וואַרשע גופא האָט עקסיסטירט אַ „פוזאַפּ" מיט אַן „אַפּראָוויזאַציע=מיניסטעריום" מיט אַן „אָפּטיילונג צו קעמפן קעגן ספּעקולאַציע", וועלכע האָבן גוט אַכטונג געגעבן, אַז מען זאָל אָן אַ ערלויבעניש ניט אַרויספירן קיין סחורה פון פוילן אין די ראַנד=געביטן.

דער יידישער סוחר האָט פשוט געשטעלט זיין פאַרמעגן אין ריזיקע און ניט איינער איז דורך נאַכט געבליבן אַן אָרימאַן. ווער פון די ווילנער סוחרים געדענקט ניט די אַזוי טרויעריק באַרימט געוואָרענע סטאַנציע לאַפּי, לעבן ביאַליסטאָק, וואו מען פלעגט איבערטרייסלען די יידישע קעשענעס טאָמער פירט מען געלט און רעווידירן די וואַגאָנעס מיטן באַגאַזש, טאָמער פירט מען סחורה? אויף ווי ווייט גרויס ס'זיינען געווען די גנבות אויף די באַנען און ווי ווייט געפערלעך ס'איז געווען צו פירן סחורה מיטן צוג און איבערהויפט קיין ווילנע, איז גענוג אָנצווייזן אויף דעם פאַקט, אַז צוליב די גרויסע באַן=שווינדלען אין ווילנע איז אַראָפּגעשיקט געוואָרן אַ רעוויזיע און זי האָט דעם 10 דעצעמבער פעסטגעשטעלט, אַז גאַנצע 20 וואַגאָן מיט מעל זיינען צום טייל צעגנבעט געוואָרן.

צוויי מינים מסחר זיינען צו יענער צייט געווען, אָן וועלכע סוחרים האָבן זיך דאַן אָנגעכאַפּט מאַסנווייז: ערשטנס שמוכלען סחורה אויף יענער זייט פראָנט און צווייטנס האַנדלען מיט די פאַרבליבענע אין ווילנע פּאַפּיראָסן, וועלכע זיינען געווען אָן באַנדעראָלן, אַלזאָ ביליגער ווי אין וואַרשע. דער מסחר מיט פּאַפּיראָסן האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט: דעם 1 יולי איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַן אַקציז אויף טאַבאַק, פּאַפּיראָסן און שוועבעלעך, און דערצו האָט מען ניט געטאָרט נעמען טייערער, ווי ס'איז אָנגעוויזן אויפן פּעקל. עס האָבן אויך ניט אויפגעהערט די רייבונגען צוליב דעם, וואָס די רעגירונגס אַנשטאַלטן, ווי דער מאַגיסטראַט, האָט ניט גענומען קיין צעריסענע און געקלעפּטע צאַרישע שיינען און דער אָרימער יידישער קרעמערל האָט עס לויטן באַפעל יאָ געמוזט נעמען. אַ פאַרלייכטערונג איז דערפאַר צו יענער צייט געמאַכט געוואָרן דערמיט, וואָס שיינען סיי אויף אַרויסצופירן סחורה און סיי אויף אַריינצופירן האָט מען געקענט באַקומען אין מאַגיסטראַט לויט אַ געוויסן אָפּצאָל (5% פאַר אַרויספירן און 10% פאַר אַריינפירן), איז אָבער דערביי געווען אַן אַנדער צרה, וואָס לויט דעם זעלבן באַפעל (פון 7 יולי) האָט דער מאַגיסטראַט געהאַט דאָס רעכט אַליין אָפּצוקויפן די אַריינגעפירטע סחורה. אויך איז צו יענער צייט, דעם 8 יולי, איינגעפירט געוואָרן זונטאָג=רו פאַר די געשעפטן, וואָס איז אָבער אין צען טעג אַרום אָפּגעשאַפט געוואָרן לויט דער השתדלות פון הרב רובינשטיין ביים גענעראַל=קאָמיסאַר. געשטערט האָבן אויך דעם נאָרמאַלן גאַנג פון מסחר די שטענדיקע אָפיציעלע בייטענישן פון געלטקורס, צוליב וואָס אויף די מערק פלעגן פאָרקומען סיכסוכים צווישן די מאַרקווייבער מיט די קריסטינס, וועלכע פלעגן צאָלן פאַר סחורה מיט מאַרקן.

אינטערעסאַנט איז אויך די פאַראָרדענונג פון 17 יולי, אַז אַלע שטייערן, וועלכע זיינען אָנגעגעבן געוואָרן אין מאַרקן, מוזן געצאָלט ווערן דווקא אין צאַרישע רובלס. ס'פאַרשטייט זיך, אַז דערהויפט האָבן דערפון געליטן די סוחרים, וועלכע צאָלן געוויינטלעך די גרעסטע שטייערן.

צו יענער צייט האָבן די קאָאָפּעראַטיוון געפּרובט אָנקניפּן דירעקטע האַנדלס=באַציאונגען מיט אייראָפּע און אַמעריקע, נאָכדעם ווי דעם 23 יולי איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די בלאָקאַדע פון דייטשלאַנד און ס'איז געוואָרן אַ גרויסע ירידה אויף די פרייזן. דער פאַקט האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין די האַנדלס=קרייזן, ווייל ס'איז מעגלעך געוואָרן דער אַריינפיר פון אויסלענדישע סחורה. אַ גוטע ווירקונג אויפן מסחר האָט אויך געזאָלט האָבן דער פאַקט, וואָס די אייזנבאַן=דירעקציע האָט דאַן גענומען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די פאַרלאָרענע משאות אויף די באַנען, אָבער פאַקטיש איז עס געווען נאָר אַ חוזק, ווייל די אַנטשעדיקונג האָט געזאָלט באַטרעפן ניט מער ווי 150 מאַרק פאַר אַ קילאָגראַם סחורה, וואָס האָט לחלוטין ניט געקענט דעקן דעם היזק.

צו יענער צייט איז געקומען אין ווילנע די אַמעריקאַנער אויספאָרשונגס=קאָמיסיע מיטן סענאַטאָר מאָרגענטוי בראש, און די יידישע סוחרים האָבן זיך געווענדט צו אים מיט דער בקשה, ער זאָל העלפן זיי אָנקניפּן דירעקטע האַנדלס=באַציאונגען מיט אַמעריקע און עפענען אַן אַמעריקאַנער האַנדלס=באַנק אין ווילנע, צו פאַרלייכטערן די סוחרים דעם קרעדיט, אָבער דערפון איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. דעם 10 אַווגוסט האָבן די פּאָליאַקן פאַרנומען מינסק און אין אַ וואָך אַרום האָט זיך אָנגעהויבן דער באַנפאַרקער ווילנע—מינסק. האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער שמוכל מיט מינסק, סיי מיט דער רוסישער וואַליוטע, סיי מיט סחורות און איבערהויפט מיט לעבנסמיטלען, און דאָס האָט געבראַכט צו אַ עליה פון די פרייזן אַזוי, אַז דעם 22 אַווגוסט איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג וועגן אַ טאַקסע אויף לעבנסמיטלען און אַז אין אַלע געשעפטן דאַרפן אַרויסגעשטעלט ווערן אויף אַ קענטיקן אָרט די פרייזן, לויט וועלכע אַלע אַרטיקלען מוזן פאַרקויפט ווערן.

די יידישע סוחרים האָבן זיך צו יענער צייט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן און דעם 10 אַווגוסט האָבן די פאָרשטייער פון אַלע 24 בראַנזשעס גענומען אויף זיך צו אָרגאַניזירן זייערע בראַנזשעס און אָנשליסן זיי צום סוחרים=פאַראיין.

אויך די ווילנער האָלץ=הענדלער, וואָס האָבן שטאַרק געליטן פון די רעקוויזיציעס אויף האָלץ האָבן באַשלאָסן צו באַנייען זייער פאַרבאַנד און אָנשליסן זיך אויף אַווטאָנאָמע יסודות אָן סוחרים=פאַראיין.

די גזרת הוואַליוטע האָט אויך דעם חודש אַווגוסט ניט פאַרמיטן: דעם 25 אַווגוסט איז פּובליקירט געוואָרן אַ נייער אָפיציעלער געלט=קורס, וואָס האָט ווי געוויינלעך ווידער גורם געווען היזק די סוחרים. די פּאָליטיק אַרויסצורייסן פון יידן דעם האַנדל און אינדוסטריע האָט אויך געבראַכט דערצו, אַז דעם 27 אַווגוסט האָט מען אַנטזאַגט די בקשה פון די יידישע לעדער=פאַבריקאַנטן איבערצוגעבן זיי דעם פּאָדריאַד אויסצואַרבעטן לעדער פאַרן מיליטער, דאָסמאָל אָבער האָט זיך אַריינגעמישט דער מאַגיסטראַט און האָט צוליב דער אַרבעטסלאָזיקייט אין ווילנע אָנגענומען שריט, אַז ביי געוויסע באַדינגונגען זאָל די בקשה פון די יידישע פאַבריקאַנטן באַפרידיקט ווערן.

דער חודש סעפּטעמבער האָט געבראַכט גרויסע פאַרלייכטערונגען פאַרן מסחר אין די מזרח=געביטן. נאָך סוף אַווגוסט איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער אָפּצאָל=שטייער פאַר אַריינפירן און אַרויספירן סחורה. דעם 5 סעפּטעמבער איז צוריקגעשטעלט געוואָרן דער נאָרמאַלער דירעקטער אייזנבאַן=פאַרקער ווילנע—מינסק, אָנשטאָט וואָס ביז דאַן איז די קאָמוניקאַציע מיט מינסק געווען איבער באַראַנאָוויטש. דערמיט איז אי צייט פאַרשפּאָרט געוואָרן אי דער טראַנספּאָרט איז געוואָרן זיכערער, וואָרים ס׳איז מעגלעך געוואָרן צו פירן סחורה אָן איבערלאָדונגען אויף די קנופּ=פונקטן.

דעם 11 סעפּטעמבער איז אַרויס אַ באַפעל וועגן אָפּשאַפן יעדע באַגרעניצונג ביים אינווייניקסטן האַנדל מיט סחורה אין די מזרח=געביטן, ס׳זיינען בטל געוואָרן אַלע איינפיר=און אַרויספירשיינען פער באַן אַחוץ תבואה=פּראָדוקטן; אָבער אויף אַרויספירן אָדער אַריינפירן סחורה מחוץ די מזרח=געביטן, איז לויט אַ צווייטן דעקרעט פון 11 סעפּטעמבער געבליבן גילטיק די סיסטעם פון ערלויבענישן.

די אָרגאַניזאַציע פון די יידישע סוחרים איז שוין געוואָרן אויף אַזוי פיל פעסט, אַז זיי האָבן געפונען פאַר נייטיק אַרויסצוגעבן אַן אייגענעם אָרגאַן און דעם 12=טן סעפּטעמבער איז אַרויס דער ערשטער נומער פון וואָכנבלאַט: „דער יידישער סוחר״.

פונדעסטוועגן איז דער האַנדל אַלץ געווען גענוג אָפּגעשטאַנען, ווי עס האָט באַשטעטיקט דער אָפיציעלער באַריכט פון דעם פאַרוואַלטער פון דער באַשטייערונגס=אָפּטיילונג ביים מאַגיסטראַט דעם 7=טן סעפּטעמבער. און כדי צו הייבן דעם האַנדל אין ווילנע, וועלכער איז לויטן אָפיציעלן באַריכט געקומען צו אַ טויטן פונקט, האָט דעם 2=טן אָקטאָבער דער שעף פון דער האַנדלס=אָפּטיילונג ביים מאַגיסטראַט אויסגעאַרבעט אַ מעמאָראַנדום צו דער העכערער מאַכט וועגן די נויטן פון האַנדל און מלאכה. דער מעמאָראַנדום פאָדערט פריי מאַכן דעם פאַרקער, פאַרלייכטערן דעם אויסבייט פון סחורות מיט פוילן און איינפירן אַ מלוכה=קרעדיט. אויך דער יידישער סוחרים=פאַרבאַנד האָט דעם 12=טן אָקטאָבער באַטראַכט אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג די פראַגע וועגן שאַפן אַ אימפּאָרט=קאָמיסיע אָנצוקניפּן באַציאונגען מיט די אויסלענדישע פירמעס און פינאַנציעלע אָרגאַניזאַציעס. אַדאַנק דער השתדלות פון די יידישע סוחרים האָט די פוילישע באַנק דעם 15=טן אָקטאָבער אָנגעהויבן צו נעמען אַלערליי צעריסענע געלט. אויך דער וואונטש פון די יידישע סוחרים צו באַציען דירעקט סחורה פון אויסלאַנד איז רעאַליזירט געוואָרן גאָר פון אַ אומגעריכטן צד: די וואַרשעווער יידישע סוחרים האָבן דעם 19=טן אָקטאָבער געגרינדעט אַ יידישן צענטראַלן קאָאָפּעראַטיוו אונטערן נאָמען „צעקאָס״ צום איינקויפן סחורה דירעקט אין אויסלאַנד און אַט דער „צעקאָס״ האָט באַשלאָסן אַריינצונעמען אויך די מזרח=



געביטן, ד. ה. אויך ווילנע, אין קרייז פון זיין טעטיקייט. אַ קריזיס האָבן איבערגעלעבט די האָלץ=סוחרים צוליב דער באַגרעניצונג פון דער פרייער באַוועגונג, צוליב די פילע פאָרמאַליטעטן ביים באַקומען אַ רייזע=שיין, צוליב דער מורא פאַר רעקוויזיציעס, צוליב דער אוממעגלעכקייט צו באַקומען וואַגאָנעס.

צוליב דער העכערונג פון דער אויסלענדישער וואַליוטע איז אין אָקטאָבער געוואָרן אַ שטאַרקע עליה אויף אַלע סחורות, און די ספּעקולאַציע אין ווילנע האָט אַריבערגעשטיגן אַלע פריערדיקע.

דער מאַנגל אין וואַגאָנעס אין געווען אַזוי גרויס, אַז דעם 7=טן נאָוועמבער האָט די אייזנבאַן=דירעקציע באַשלאָסן, אַז אין דער ערשטער ריי וועט מען שיקן מיליטער=טראַנספּאָרטן, אין דער צווייטער—לעבנסמיטלען און ערשט אין דער דריטער—סחורות פון פּריוואַטע פּערזאָנען.

דער חודש נאָוועמבער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ שפּאָגלנייער גזרה, וועלכע איז געצילט געווען אין אַ גאַנצער בראַנזשע יידישע סוחרים: דעם 1=טן נאָוועמבער איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע אייגנטימער פון אַפּטייק=געשעפטן מוזן האַלטן עקזאַמען. דערמיט האָט מען געזאָלט אַרויסרייסן דעם גאַנצן מסחר=צווייג פון יידישע הענט.

אַקעגן=זשע האָט דער האָלץ=הענדלער=פאַרבאַנד פּועל געווען מיט זיין דעפּוטאַציע, וואָס ער האָט דעם 20=טן אָקטאָבער געשיקט צום גענעראַל=קאָמיסאַר, און דעם 7=טן נאָוועמבער האָט דער פאַרבאַנד באַקומען דאָס רעכט אַרויסצוגעבן ערלויבענישן אויף 3=מאָנאַטלעכע רייזע=שיינען אויפן גאַנצן שטח פון די מזרח=געביטן.

דעם 13=טן נאָוועמבער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, וועלכער שטראַפירט מיט 30 טויזנט מאַרק פאַר ניט אָננעמען דעם פוילישן מאַרק לויטן אָפיציעלן קורס 1 מאַרק=1 צאַרישער רובל. דער חודש נאָוועמבער האָט זיך פאַרענדיקט מיט נאָך אַ קליינער הנחה: דעם 24=טן נאָוועמבער איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די נויטווענדיקייט פון אַ אַנטלויזונגס=שיין צו פאָרן קיין וואַרשע.

אין אַלגעמיין האָט דער דאָזיקער חודש געוויזן, אַז די טענדענץ פון אַ עליה אויף אַלע סחורות איז מער אָדער ווייניקער אויף אַ לענגערע צייט, ווייל די עליות קומען ניט צוליב ספּעקולאַציע, נאָר מחמת דעם, וואָס סוחרים קריגן ניט אָפּצוקויפן די זעלבע סחורות, און די סוחרים יאָגן זיך שוין ניט נאָך דעם פדיון ווי פריער. די סוחרים האָבן דאַן געהאַט אויך אוסצושטיין פון די סיסטעמאַטישע גנבות אין די געשעפטן. די גנבות פלעגן דאָס רוב פאָרקומען פון אַ זייגער 12 ביינאַכט, ווען ס׳איז געווען פאַרווערט פּריוואַטע פּערזאָנען צו גיין אין גאַס און קיין שטאָטישע מיליציע איז אויך דעמאָלט ניט געווען. ס׳האָט טאָג=טעגלעך פּאַסירט, אַז גאַנץ רייכע סוחרים פלעגן צומאָרגנס אויפשטיין אָרימעלייט, מען האָט זיי געלאָזן ביי ליידיקע פּאָליצעס, דאָס האָט געבראַכט צו אַ נייעם מנהג, אַז אַלע נאַכט פאַרן פאַרמאַכן די געשעפטן, האָט מען געמוזט גאָר די סחורה פון קראָם אַוועקטראָגן אין שטוב אַריין און צומאָרגנס ברענגען צוריק.

אויך האָבן זיך אין שטאָט פאַרגרעסערט די רעקוויזיציעס, און ס׳איז אַרויס אַ שטרענגער באַפעל צו באַשטראָפן די מענטשן, וועלכע פירן סחורה אין מיליטערישע וואַגאָנעס, ווייל מען האָט געכאַפּט אַ סך מענטשן, וועלכע שמוגלען פון וואַרשע אויף אַזאַ אופן סחורה. די סוחרים ווידער האָבן קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ערשטנס, ווייל ס׳איז געווען אַ מאַנגל אין וואַגאָנעס און פאַר ציווילע משאות האָט מען קיינמאָל ניט געקאָנט קריגן קיין ליידיקן וואַגאָן און צווייטנס, פלעגט דער וואַרשעווער „פּוזאַפּ״, „אַפּראָוויזאַציע=מיניסטעריום״ און די „אָפּטיילונג צו קעמפן מיט ספּעקולאַציע״, ניט אַרויסלאָזן קיין גרויסע סכומים סחורה אין די „קרעסן״, ד. ה. קיין ווילנע. האָבן זיך די ווילנער סוחרים מיישב

געווען און מען האָט אָנגעהויבן צו שיקן די סחורה אין אַסעקורירטע פּאָסט=פּאַקעטן. אמת, יעדער פּאָסט=פּאַקעט האָט ניט געטאָרט וועגן מער ווי אַ האַלבן פּוד, אָבער דערפאַר האָט אַזאַ טראַנספּאָרט געהאַט אַ סך מעלות: ערשטנס האָט מען די סחורה באַקומען גלייך אויף מאָרגן, צווייטנס האָט מען זי געקאָנט אַסעקורירן פאַר קליינע געלט אויף וואָס פאַר אַ סומע מ'האָט געוואָלט (די סחורה פלעגט אָפּגעהיט ווערן אונטערוועגנס דורך די פּאָסט=באַאַמטע), דריטנס איז מען פּטור געוואָרן פון אַלע אַפּראָוויזאַציע=שיינען סיי ביים אָפּגעבן סיי ביים אַראָפּנעמען און נאָך אַ'עם דעם האָט דער מין טראַנספּאָרט געקאָסט זייער ביליג, ווייל מען פלעגט פאַרשפּאָרן אַלע ביי=הוצאות. אָבער גלייך אין אָנהייב פון יאָר 1920 האָט די וואַרשעווער פּאָסט זיך אַנטזאַגט אָנצונעמען סחורה אין פּאָסט=פּאַקעטן קיין ווילנע און אַפילו די פּאָסט=פּאַקעטן, וועלכע האָבן זיך נאָך געפונען אונטערוועגנס, האָט מען צוריקגעקערט קיין וואַרשע.

פון 11 דעצעמבער זיינען די באַנען אַריבער צו דער ציווילער מאַכט, אָבער דאָס האָט געבראַכט קנאַפּע נוצן דעם יידישן סוחר, ווייל דער וואַרשעווער „פּוזאַפּ", „אַפּראָוויזאַציע=מיניסטעריום" און די „אָפּטיילונג צו קעמפן מיט ספּעקולאַציע" האָבן שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז דער יידישער סוחר זאָל חס=וחלילה ניט אַריבערפירן קיין סחורה אין די „קרעסן". מיר באַטאָנען דעם וואָרט „יידישן סוחר", ווייל קריסטלעכע ווילנער סוחרים פלעגן גאַנץ לייכט באַקומען די געהעריקע ערלויבענישן צו פירן סחורה און דערום טאַקע פלעגן גאַנץ אָפט ווילנער יידישע סוחרים אָפּגעבן אַ געוויסן טייל פון זייער ריווח קריסטן, אום אַזוי אַרום אַרויסצובאַקומען די געהעריקע ערלויבענישן צו פירן סחורה.

אָט אַזוי האָט דער יידישער סוחר געמוזט אָנשטרענגען זיין גאַנצע ענערגיע און ערפאַרונג צוצופּאַסן זיך צו די דראַקאָנישע מלחמה=געזעצן, וועלכע האָבן געהאַט איין ציל: שטערן דעם פרייען האַנדל און די באַוועגונג פון סוחר.

---

דאָס נייע יאָר 1920 האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ ריי גזרות אויף דעם יידישן האַנדל. קודם=כל האָבן זיך אין יענער צייט מוראדיק פאַרשפּרייט די רויבערייען און גנבות אין די געשעפטן. כמעט יעדן פרימאָרגן פלעגט מען געפינען אַ וועלכע עס איז קראָם באַרויבט און אויסגעליידיקט. ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז דער מאַגיסטראַט האָט געמוזט ספּעציעל באַטראַכטן די פראַגע וועגן דעם קאַמף מיט די גנבות און רויבערייען.

די צווייטע גזרה איז געווען די מעשה מיט די קליינע הענדלער פון דער אַזויגערופענער האַלע, כמעט דורכאויס יידן. נאָך מיט אַ צייט פריער האָבן די פּוילישע מאַכטהאָבער אָנגעהויבן אַ קאַמפּאַניע קעגן די האַלע=קרעמער, כלומרשט צוליב סאַניטאַרע טעמים. דורך די השתדלותן פון די יידישע כלל=טוער האָט מען געפּרובט ווי עס איז אָפּשאַפן אָדער כאָטש אָפּשלעפּן די דאָזיקע גזרה, וואָס האָט געקענט רואינירן צענדליקער יידישע אָרימע פאַמיליעס. דעם 13 יאַנואַר האָט אָבער דער מאַגיסטראַט אָנגענומען אַן ענדגילטיקן באַשלוס אַרויסצוואַרפן די אָרימע הענדלער פון האַלע.

אויך די האָלצהענדלער האָבן געהאַט צו ליידן צוליב די אומאויפהערלעכע רעקוויזיציעס פון געהילץ און ברענהאָלץ און האָבן זיך משתדל געווען אָפּצושאַפן די דאָזיקע רעקוויזיציעס.

די סיכסוכים צווישן די קויפער און סוחרים צוליב די איינגעריסענע געלט האָבן זיך געשטאַרקט און די מאַכט האָט געפונען פאַר נייטיק אַריינצומישן זיך: זי האָט ערשטנס באַשטראָפט דערפאַר אַ ריי פערזאָנען און דאַן האָט זי דעם 6=טן פעברואַר אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג וועגן איינפירן די פּוילישע וואַליוטע, און אין אַלע רעגירונגס=אַנשטאַלטן איז פאַרבאָטן געוואָרן אָנצונעמען צאַרישע רובלס.

די ווילנער סוחרים האָבן אָבער צו יענער צייט געהאַט אויסצושטיין נאָך אַ פיל גרעסערע גזרה: מיטן הסכם פון דער אָרטיקער מאַכט לאָזן אַרויס די ווילנער פּוילישע בענק „געלט=באָנעס", וואָס די קרעמער זיינען אָבליגאַטאָריש מחויב צו נעמען, אָבער וועלכע האָבן אַ ווערט בלויז אין דער שטאָט ווילנע, און ניט די וואַרשעווער סוחרים און ניט די פּראָווינצער ווילן עס אָננעמען אַלס געלט.

דער גאַנצער ווילנער מסחר האָט דאַן באַזירט נאָר אויף שמוכלען פאַרשיידענע סחורות איבערן פראָנט — ק י י ן און פ ו ן קאָוונער ליטע. אָבער מיט רוסלאַנד איז געגאַנגען אַ שמוכל איבערן גלובאָקער פראָנט, און דעם 2=טן פעברואַר האָט די קאָנפערענץ ביים גענעראַל=קאָמיסאַר פאַר די מזרח=געביטן פאַראָרדנט אַוועקצושטעלן דאָרט ספּעציעלע וואַכן.

דעם 13 פעברואַר האָט זיך געעפנט דער באַן=פאַרקער ווילנע—דווינסק, וואָס האָט געוויינלעך געשאַפן אַ נייעם טראַנזיט=פונקט פאַר ווילנער סוחרים צו שמוכלען די סחורה קיין רוסלאַנד. דער שמוכל מיט רוסלאַנד איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע עקסיסטענץ=מקורים פאַר די סוחרים פון ווילנע און גאַנצן קאַנט. דען ניט ווילנע אַליין און ניט דער ווילנער קליינער ראַיאָן האָבן געדאַרפט און געקאָנט פאַרברויכן די מאַסע אַרטיקלען, וואָס פלעגן אַריינגעפירט ווערן פון וואַרשע און אַנדערע מקומות. און ווירקלעך פלעגן קומען גלובאָקער, סווירער, מינסקער א. ד. ג. אורחים פלעגט ווילנע לייזן, אַניט איז געווען טויט און די פרייזן פלעגן פאַלן.

גרינגער אָפּגעעטעמט האָבן צו יענער צייט די דראָגן=געשעפטן, ווייל דעם 17 פעברואַר איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די גזרה, אַז די בעלי=בתים פון דראָגן=געשעפטן זיינען מחויב צו האַלטן עקזאַמען.

דעם 19 פעברואַר האָבן די ווילנער סוחרים דערלאַנגט אַ תביעה צו דער אַייזנבאַן=דירעקציע, מען זאָל זיי באַצאָלן פאַר די געגנבעטע סחורות פון די וואַגאָנעס. אויך די האָלץ=סוחרים באַמיען זיך מיט אַלע מעגלעכקייטן אַרויסצוקריכן פון זייער קריזיס צוליב די אָפּטע רעקוויזיציעס און דעם 23 פעברואַר שיכן זיי צוזאַמען מיט די מינסקער וואַלד=סוחרים אַ דעלעגאַציע קיין לאָנדאָן וועגן עקספּאָרטירן האָלץ פון דעם קאַנט קיין ענגלאַנד. אויך דערלאַנגען זיי דעם 24 פעברואַר אַ בקשה צו דער מאַכט וועגן פאַרלענגערן דעם מאָראַטאָריום אויף די וועלדער=קאָנטראַקטן, וועלכע זיינען שוין געהאַט אויסגעגאַנגען, אָבער צוליב די מלחמה=באַדינגונגען האָט מען זיי ניט געקאָנט אויסנוצן, אויך האָבן זיי דעם 12 מערץ זיך משתדל געווען, מען זאָל זיי ערלויבן צו פירן מיט זיך גרויסע סומען געלט.

אַ נייע צרה איז פאַר ווילנער סוחרים אַנטשטאַנען, ווען ס'האָט זיך דעם 15 מערץ געעפנט דער דירעקטער באַן=פאַרקער מינסק—וואַרשע און דערמיט האָבן ווילנער סוחרים פאַרלאָרן דעם גאַנצן מינסקער ראַיאָן מיט די גאַנצע קונדשאַפט דאָרטן. אַ גרויסער שטער צום מסחר איז אויך געווען, וואָס צוליב דעם פּוילישן מאַרש אויף קיעוו האָט מען געמאַכט שוועריקייטן פאַר ציווילע פערזאָנען ביי דעם פאַרקער אויף די באַנען; דעם 17=טן מערץ איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַחוץ אַ רייזע=שיין מוז מען האָבן אַ באַזונדערע מיליטערישע ערלויבעניש צו פאָרן מיט דער באַן, די דאָזיקע פאַראָרדענונג האָט אינגאַנצן אָפּגענומען ביי די ווילנער סוחרים די מעגלעכקייט צו פאָרן קיין וואַרשע אָדער אַנדערשוואו נאָך סחורה.

דעם 19 מערץ איז אַלס ענטפער אויף די פילע השתדלותן און אָנקלאָגעס מצד די סוחרים וועגן די שטענדיקע אומגעזעצלעכע

רעקוויזיציעס אַרויס אַ באַפעל פון גענעראַל=קאָמיסאַר, אַז רעקוויזיציעס קענען אויסגעפירט ווערן נאָר דורך דער ציווילער מאַכט.

לויט אָפיציעלע דאַטן פון 27=טן מערץ איז אין משך פון חודש מערץ אַרויסגעפירט געוואָרן קיין ליטע און ווייסרוסלאַנד סחורה אויף 74 מיליאָן מאַרק, ס'פאַרשטייט זיך אַליין, אַז אין דעם דאָזיקן סכום גייט ניט אַריין די סחורה אויף אַ סך צענדליקער מיליאָנען, וואָס איז אַרויסגעפירט געוואָרן פער באַן פון פוילן אין ליטע ד. ה. אייגנטלעך קיין ווילנע, די גרעסטע האַנדל=שטאָט אין ליטע, דורך שמוכל און איז דעריבער ניט דורכגעגאַנגען די אָפיציעלע קאָנטראָלע.

דער חודש מאַי האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ שטיקל פאַרלייכטערונג פאַרן סוחרישן קלאַס: ס'האָט זיך דעם 15=טן מאַי געעפנט אין ווילנע אַ אָפּטיילונג צו קאָנטראָלירן דעם האַנדל מיט אויסלאַנד און אַזוי אַרום וואָלטן די ווילנער סוחרים ביים אַריינפירן סחורה פון אויסלאַנד מער ניט דאַרפן ווענדן זיך נאָך ערלויבענישן קיין וואַרשע. אָבער די פעולה דערפון איז בטל געוואָרן צוליב די נייע גזרות, וואָס האָבן זיך דאַן אָנגעהויבן: דעם 12=טן מאַי איז מען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און געכאַפּט אויף אַרבעט; טויזנטער מענטשן זיינען פאַרשפאַרט געוואָרן אין אַ מין הויז=אַרעסט. די געשעפטן זיינען געשטאַנען פאַרמאַכט, די פראָדוקטן זיינען ניט געוואָרן און דער יקרות און ספּעקולאַציע זיינען געשטויגן. דעם 25=טן מאַי איז שוין אָפּגעשטעלט געוואָרן דער פּאַסאַזשירן=פאַרקער אויף אַלע אייזנבאַן=ליניעס, וואָס פירן צו מינסק, און נאָך אין עטלעכע טעג אַרום, דעם 31=טן מאַי, האָט מען שוין אויפגעהערט אָנצונעמען באַן=משאות און פּריוואַטע טעלעגראַמעס פון ווילנע אין דער ריכטונג צו מזרח. די שטימונג אין שטאָט און אין עולם המסחר איז געוואָר שטאַרק געדריקט. עס זיינען אַרעסטירט געוואָרן אייניקע סוחרים, ווייל זיי האָבן איינגעוויקלט די פאַרקויפטע אַרטיקלען אין אַלטע צייטונגען, וועלכע זיינען ערשינען אין ווילנע פאַר דער צייט פון דער ערשטער באָלשעוויס:ישער אָקופּאַציע. ס'איז געווען קענטיק, אַז די מאַכט איז צערודערט און זי ציטערט פאַר עפּעס. דעם 4 יוני לאָזן זיך שוין הערן אין די ווילנער בלעטער גאַנץ אָפענע ידיעות וועגן דער גרויסער אָפענסיווע פון די באָלשעוויקעס אויף ווילנע. דעם 8 יוני זיינען פאָרגעקומען גרויסע האָלץ=רעקוויזיציעס, אין אייניקע זעגמילן האָט מען רעקוויזירט צו 1000 קובישע מעטער ברעטער. די האָלץ=סוחרים ווענדן זיך דעם 15=טן יוני צום גענעראַל=קאָמיסאַר מיט אַ בקשה וועגן אָפּשטעלן די רעקוויזיציעס און באַצאָלן פאַר דעם שוין רעקוויזירטן געהילץ.

די שטענדיקע טענות פון די סוחרים קעגן די מוטוויליקע רעקוויזיציעס פון די באַאַמטע און מיליטער=לייט, האָבן ווידער געצוואונגען די מאַכט אַרויסצוגעבן דעם 27=טן יוני אַ פאַראָרדענונג ניט צו מאַכן קיין רעקוויזיציעס אויף אייגענער אחריות.

דער האַנדל האָט דערווייל אַלץ מער און מער געשטאָקט. דעם 20 יוני האָט זיך אָפּגעשטעלט די אַרבעט אין די בערשטפאַבריקן צוליב מאַנגל אין געלט. די שטימונג אין שטאָט איז געוואָרן אַלץ אומרואיקער, דער שונא האָט זיך אַלץ נעענטער צוגערוקט צו ווילנע און די כאַפּעניש אויף אַרבעט איז געוואָרן אַלץ אומדערטרעגלעכער. דעם 9 יולי האָבן זיך מכוח דעם געווענדט צו דער מאַכט הרב רובינשטיין און ד"ר וויגאָדסקי, אָבער דאָ האָבן זיי אָנגעשטאָסן אַ באַרואיקונג דערהערט גאָר אַנדערע ווערטער: מען האָט זיי געגעבן אַ התראה, אַז מען וועט רעווידירן די קראָמען און בעקערייען און פאַר געפינען באַהאַלטענע ברויט, מעל, ווי אויך אַלערליי אַנדערע פראָדוקטן, וועט מען גלייך דערשיסן, ווייל די לעצטע צוויי טעג האָט מען, לויט זייערע רייד, באַהאַלטן די סחורה און דערהויפּט, האָט געמוסרט זיי דער קאָמענדאַנט, טוען עס יידישע בעקער, די קריסטלעכע בעקערייען זיינען



אָפן. אין זעלבן טאָג האָט דער מאַגיסטראַט אָנגענומען אַ באַשלוס צו מאָביליזירן אַלע ווילנער אַיינוואוינער, דאָס האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך אַרויסגערופן אַ גרויסע צערודערונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט אָפיציעל נאָך ניט גערעכנט זיך צו קיין מלוכה=בירגערשאַפט. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז אַרום ווילנע קומט פאָר עפּעס אויסערגעוויינלעכעס. דער גענעראַל=קאָמיסאַר האָט אָנגענומען מיטלען צו עוואַקואירן די פאַמיליעס פון די באַאַמטע, אייניקע רעגירונגס=אַנשטאַלטן זיינען שוין געווען גרייט צו דער עוואַקואַציע, דער טומל אין שטאָט צוליב דער פאָרשטייענדיקער סכנה איז געווען אַזוי גרויס, אַז די מאַכט האָט געפונען פאַר נייטיק אַרויסצולאָזן אַ מעלדונג צו באַרואיקן דעם עולם.

די געשעענישן זיינען אָבער געלאָפן זייער האַסטיק: דעם 10 יולי איז איינגעפירט געוואָרן אין שטאָט קריגסצושטאַנד, דעם 12 יולי איז אַרויס אַן אויפרוף פון שטאָט=פּרעזידענט צו אַלע אַיינוואוינער נעמען זיך צום געווער און פאַרטיידיקן ווילנע פון שונא. אין זעלבן טאָג זיינען אָנגעקומען אין שטאָט אַ סך אַנטרונענע פון אומגעגנט. מען האָט דערפילט, אַז די טעג פון דער פוילישער מאַכט אין ווילנע זיינען געציילטע, און די סוחרים און הענדלער האָבן זיך אַנטזאַגט צו נעמען די שטאָטיקע געלט=באָנעס.

דעם 13 יולי איז ערקלערט געוואָרן אין ווילנע באַלאַגערונגסצושטאַנד, אויך איז אין זעלבן טאָג אַרויס אַ באַפעל, אַז פאַר ניט אָננעמען קיין פויליש געלט וועט מען שטראַפירן מיט טורמע, אַחוץ 40.000 מאַרק קנס. אין אַ צווייטער פאַראָרדענונג ווערט געמאָלדן, אַז מען מוז האַלטן אָפן די קראָמען, אונטער דער התראה פון 6 חדשים טורמע און 40.000 מאַרק קנס. דעם 13 יולי האָט זיך דער גענעראַל=קאָמיסאַריאַט איבערגעקליבן קיין גראָדנע און אַלע רעגירונגס=אַנשטאַלטן האָבן זיך עוואַקואירט.

די נאַכט פון 13 אויפן 14 יולי האָבן ווילנער יידן איבערגעלעבט אין גרויס פחד און ניט אומזיסט: די אָפּטרעטנדיקע פוילישע חיילות האָבן פולשטענדיק צעראַבירט די יידישע קראָמען און געשעפטן פון דייטשע, רודניצקער, זאַוואַלנע און נ'טעפנגאַס.

דער שעיר לעזאזל איז ווידער אַמאָל געוואָרן דער ווילנער יידישער סוחר.

דעם 14 יולי 1920 אַרום 12 בייטאָג איז ווילנע צום צווייטן מאָל פאַרנומען געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי און אַרום 4 אַ זייגער אין זעלבן טאָג זיינען אויך אַריין די ליטווישע חיילות. די גאַנצע מאַנסבילשע יידישע באַפעלקערונג, וועלכע איז געלעגן די לעצטע טעג באַהאַלטן, צוליב דער כאַפּעניש אויף אַרבעט, ווי אויך צוליב דער מורא ניט פאַרשלעפּט צו ווערן מיט געוואַלד פון ווילנע, ווי ס'האָט פּאַסירט מיט פיל יידן, האָט אַרויסגעשאָטן אויף די גאַסן. דאָס בילד וואָס זיי האָבן פאַר זיך דערזען, די צעראַבירטע יידישע קראָמען און האָב און גוטס, איז געווען שרעקלעך, אָבער מ'האָט זיך געטרייסט כאָטש דערמיט, וואָס מ'איז בלויז אָפּגעקומען מיט מאַטעריעלע היזקות.

דער 14 יולי האָט געבראַכט דעם סוחרישן קלאַס נאָך פיל אַנדערע גרויסע שאָדנס, אין וועלכע עס זיינען שוין ליידער געווען דירעקט שולדיק אויך אַ טייל פון דער אָרימער יידישער באַפעלקערונג, דהיינו: די אַלע פראַכטן און באַן=משאות פון ווילנער סוחרים, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער באַן=סטאַנציע און טישקעוויטשעס „באַן=צווייג" זיינען מאָמענטאַל, ווי די פּאָליאַקן זיינען אַרויס און די שטאָט איז געבליבן אָן וואָסער ניט איז מאַכט, באַפאַלן געוואָרן פון טויזנטער מענטשן, בתוכם אויך יידן, איבערהויפּט פון נאָוויגאָראָדער קוואַרטל, און מען האָט אָנגעהויבן צו שלעפּן ווער וואָס און וויפיל מ'האָט געקאָנט: זעק מעל, זאַלץ, קעסטלעך פלוימען, מאַנופאַקטור, שיך א. ד. ג.

אויך איז פאַר פיל סוחרים אַנטשטאַנען אַ אומדירעקטע צרה: פיל פון זייערע איינגעקויפטע סחורות זיינען פאַרבליבן אין

וואַרשע אָדער גאָר צעראַבירט געוואָרן אונטערוועגנס. אויך זיינען אַ סך סוחרים אַליין געבליבן אָפּגעריסן פון ווילנע און, ניט האָבנדיק ביי זיך קיין פרייע געלט, איז זיי אויסגעקומען צו ליידן פיל צרות אין דער פרעמד. מיט איין וואָרט, די צערודערונג אין שטאָט איז געווען אין לשער און דער פועל=יוצא דערפון איז געווען, אַז אַלע סחורות, איבערהויפּט לעבנסמיטלען, זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן פון די קראָמען.

די לאַגע איז אָבער געוואָרן נאָך ערגער צוליב די פיל באָלשעוויסטישע באַפעלן און פאַראָרדענונגען. דעם 19 יולי איז די שטאָט ערקלערט געוואָרן אין באַלאַגערונגס=צושטאַנד און ס'איז פאַרווערט געוואָרן דער אַרויספאָר אָן אַ ספּעציעלער ערלויבעניש. אויך איז אַיינגעשטעלט געוואָרן אַ אָבליגאַטאָרישער אָפיציעלער געלטקורס פאַר אַלע קרעמער און סוחרים: 2 פוילישע מאַרקן 1 סאָוועטישער רובל. דאָס האָט גלייך אַוועקגעהרגעט אַלע סוחרים: פאַרקויפן די סחורה איז געווען אוממעגלעך צוליבן געלטקורס און באַהאַלטן די סחורה האָט מען ריזיקירט מיטן לעבן.

אויך די קליינע הענדלער, האָבן צוליבן פאַרבאָט אַרויסצופאָרן פון ווילנע ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו טרייבן זייער קליינעם מסחר מיטן דאָרפישן פויער, ווייל פאָרן אין דאָרף צום פויער האָבן זיי ניט געטאָרט, און דער פויער האָט ווידער ניט געקאָנט קומען קיין ווילנע, ווייל אונטערוועגנס פלעגט מען צונעמען ביי אים די פערד. אין דער זעלבער צייט האָבן זיך געפונען אין שטאָט מענטשן, וועלכע האָבן צוליב געוויסע פּאָליטישע צילן, געשטעלט זיך די אויפגאַבע צו בונטעווען די סאָלדאַטן. פון דער רויטער אַרמיי און דערביי האָט מען ווידער אויסגעשטעלט די יידישע קרעמער: מען האָט אין איינער אַ פוילישער קאָנדיטעריי אויפן ראָג דייטשע און טראָקער גאַס פאַרקויפט די רויטע אַרמייער צו גאַנץ ביליגע פרייזן טיי מיט זעמל און דערביי שטילערהייט געהעצט זיי קעגן יידן, אַז זיי באַהאַלטן דאָס עסן און ספּעקולירן, וואַרפן דאָס סאָוועטישע געלט א. ד. ג. אין שטאָט איז צוליבדעם געוואָרן אומרואיק, באַזונדערס צווישן די סוחרישע קרייזן, ביז וואַנען די מאַכט האָט זיך געמוזט אַריינמישן און אַרויסגעבן אַ שטרענגע פאַראָרדענונג וועגן העצן די סאָלדאַטן.

באַלד אָבער האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך גרעסערע גזרות אויפן סוחרישן קלאַס, אין צוזאַמענהאַנג מיטן דורכפירן די סאָציאַליזאַציע פון די אַלע ווילנער געשעפטן: דעם 19 יולי איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע סוחרים און פאַבריקאַנטן זיינען מחויב צו פאַררעגיסטרירן אַלע מאַטעריאַלן, וועלכע זיינען נייטיק פאַר די באַדערפענישן פון דער אַרמיי; ס'מוזן אויפגעגעבן ווערן אַלע מעדיקאַמענטן, דעזינפעקציע=אַרטיקלען, לעדער, האָלץ, מעטאַלן, פאַרביקע מעטאַלן, האַנטווערקער=אינסטרומענטן, טעקסטיל=שטאָפן, פאָרניטור און כל המינים פורוואַרג און פערד; די אייגנטימער וויינען מחויב געווען צוצושטעלן די ידיעות אין משך פון 48 שעה; די פאַבריקן, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר מיליטער, האָבן געדאַרפט צושטעלן אויך ידיעות וועגן די רויע שטאָפן און באַהייצונגס=מאַטעריאַלן אין פאַרלויף פון 48 שעה. אויך האָט מען געמוזט רעגיסטרירן אַלע שרייב=מאַשינעס.

דעם 20 יולי האָבן זיך צוליבן שטייגנדן יקרות די האַנדלס=אָנגעשטעלטע געהעכערט זייער געהאַלט אויף 100 פראָצ., נאָר דער ריכטיקער געזעץ וועגן סאָציאַליזאַציע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם 22 יולי. לויט דעם דאָזיקן באַפעל האָבן זיך אין אַלע האַנדלס=אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען געמוזט אָרגאַניזירן אַרבעטער=קאָמיטעטן, די קאָמיטעטן ווידער האָבן געמוזט רעגיסטרירן דעם גאַנצן אייגנטום פון פאַבריק, סקלאַדן, קראָמען א. ד. ג. צוזאַמען דערמיט איז פאַרבאָטן געוואָרן אַוועקצונעמען און קאַליע צו מאַכן דאָס אייגנטום פון די אונטערנעמונגען. אַזוי אַרום זיינען די בעלי=בתים פאַקטיש באַזייטיקט געוואָרן פון זייערע געשעפטן





און פאַבריקן. זיי זיינען אָבער אין דער זעלבער צייט יאָ פאַרבליבן בעלי=בתים צו צאָלן זייערע אָנגעשטעלטע די אויף 100 פראָצ. געהעכערטע שכירות.

דעם 23 יולי איז אַרויס אַ דעקרעט וועגן אַ 8 שעהדיקן אַרבעטסטאָג אין אַלע געשעפטן און פאַבריקן. צוליב דעם, וואָס די רעגיסטראַציע פון די סחורות אין די געשעפטן, לויטן אויבנדערמאָנטן באַפעל, האָט זיך ניט איינגעגעבן, ווייל אין די קראָמען זיינען קיין סחורות ניט פאַרבליבן, איז אַרויס אַ צווייטע פאַראָרדענונג, אַז אַלע אייגנטימער פון די געשעפטן זיינען מחויב אַריינצוטראָגן צוריק אין זייערע קראָמען אַלע באַהאַלטענע סחורות אין אַ משך פון 24 שעה; אויף אַלע סחורות מוזן אָנגעוויזן ווערן די פרייזן, וועלכע טאָרן ניט געהעכערט ווערן לגבי די פרייזן פון דעם 13 יולי, ד. ה. איידער די באָלשעוויקעס זיינען אַריין אין ווילנע; און אויסגערעכנט ווערן דאַרפן די פרייזן לויטן קורס, פאַרשטייט זיך, פון 2 פוילישע מאַרקן—1 סאָוועטישער רובל. פאַרן עובר זיין דעם באַפעל קומט ערשטנס קאָנפיסקאַציע פון דער סחורה און פאַרמעגן, דערצו אויך שיסן. ניט פאַרלאָזנדיק זיך אָבער אינגאַנצן אויף די קרעמער, אַז זיי וועלן ווירקלעך אויפגעבן זייערע אַלע באַהאַלטענע סחורות, איז אַרויס נאָך אַ באַפעל, וועלכער איז שוין חל געווען ניט נאָר אויף סוחרים, נאָר אויף אַלע בירגער, לויט וועלכן אַלע איינוואוינער פון שטאָט זיינען מחויב מודיע צו זיין דער מאַכט וועגן די באַהאַלטענע סחורות און פראָדוקטן. דעם זעלבן טאָג, ד. ה. דעם 23 יולי איז די מאַכט איבערגעגאַנגען פון באַפעלן צו מעשים און מען האָט רעקווירירט גאָר דאָס פּאַפּיר פון ווילנע, אַחוץ דעם באַהאַלטענעם. ס'איז אויך פאַרבאָטן געוואָרן אַריבערצופירן פּאַפּיר פון איין אָרט אין צווייטן. אויך איז אין זעלבן טאָג פאַרבאָטן געוואָרן צו פאַרקויפן לעדערוואַרג. צוזאַמען דערמיט איז פאַראָרדנט געוואָרן צו רעגיסטרירן אין אַ משך פון 48 שעה אַלע פייער=שראַנקען.

די רעקוויזיציעס זיינען דורכגעפירט געוואָרן דורך דריי אינסטאַנציעס מיט אַמאָל: דורכן „רעווקאָם“, קאָמענדאַנטור און „טשוסאַסנאַבאַרם“ („אויסעראָרדנטלעכער קאָמיטעט צו באַזאָרגן ד' אַרמיי“); אין טייל געשעפטן האָט מען רעקווירירט די סחורה אינגאַנצן, מיט אַמאָל, און אין אַנדערע נאָר טיילווייז. די פאַרמאַכונג פון די געשעפטן האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַרביטערונג צווישן די האַנדלס=אָנגעשטעלטע, וועלכע זיינען געבליבן אָן אַרבעט. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט איז צונויפגערופן געוואָרן אַ באַראַטונג צו באַקלערן דעם ענין, ווי אַזוי די רעקוויזיציעס מיט די סאָציאַליזאַציעס זאָלן פאָרט דורכגעפירט ווערן און די האַנדלס=אָנגעשטעלטע זאָלן דאָך ניט ליידן און קענען פאָדערן ביי די בעלי=בתים די שכירות, איז מען געקומען צו אַזאַ אויסוועג: די רעקוויזיציעס זאָלן פאַרטיילט ווערן פלאַנמעסיק און פראָפּאָרציאָנעל לויט דעם סכום סחורה, וואָס געפינט זיך אין יעטווידער געשעפט; אָבער כדי צו וויטן גענוי דעם דאָזיקן סכום, האָט מען איבערגעגעבן די רעגיסטראַציע פון די סחורות ניט די בעלי=בתים, נאָר די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. דער פועל=יוצא דערפון איז געווען, אַז פאַקטיש איז אַלץ געבליבן ווי פריער, ד. ה. די סחורה פון געשעפט אַלס רעגיסטרירטע האָט דער בעל=הבית ניט געטאָרט פאַרקויפן. רעקווירירט האָט מען טאָג טעגלעך, די פּאָליצעס זיינען געוואָרן אַלץ ליידיקער, אָבער כל=זמן אין געשעפט האָט זיך געפונען פאַר אַ שילינגער סחורה, האָט דער סוחר זיך גערעכנט פאַר אַ אייגנטימער און געמוזט האַלטן זיין גאַנצן שטאַט אָנגעשטעלטע און צאָלן זיי שכירות לויט די נייע טאַריפן. דערצו נאָך זיינען די סוחרים ניט געווען זיכער, אַז מען זאָל זיי יעדע מינוט ניט אַרעסטירן אַלס בורזשויען און ספּעקולאַנטן.

דעם 28=טן יולי איז אַרויס אַ באַפעל צו פאַררעגיסטרירן אַלע ספּירט=און וויין=זאַפּאַסן, ווי אויך אַלע פאָטאָגראַפישע אַפּאַ=

ראַטן און אַלע ניי=מאַשינען, וועלכע האָבן זיך געפונען סיי ביי פריוואַטע מענטשן סיי ביי האַנטווערקער. אַחוץ די אַלע דירעקטע גזרות איז געווען דאַן נאָך אַ צרה, וואָס האָט ממש דערדריקט די אָרימע באַפעלקערונג: די צרה מיט געלט. טאָמער האָט דער מיטעלער אָדער געמיינער מאַן שוין געהאַט אַ ביסל פוילישע אַסיגנאַציעס, זיינען זיי דאָס רוב געווען צעריסענע אָדער צעדריבלטע. אָבער סיי דער פויער סיי דער קרעמער האָט געפאָדערט דווקא „קנאַק“, און אַזוי ווי פאָדערן דאָס אָפן, האָט געשמעקט מיט סכנת=נפשות, איז אויך דער גאַנצער קליינער האַנדל פּאַראַליזירט געוואָרן. צוליבדעם האָבן די סוחרים דעם 28=טן יולי צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג און אַרויסגעטראָגן אַ באַשלוס, מען זאָל אין אַלע געשעפטן אָננעמען צעריסענע געלט, אַניט וועט דער סוחרים=פאַראיין אַליין פאַרעפנטלעכן אין דער פרעסע די נעמען פון די, וואָס זיינען עובר אויף דעם באַשלוס. אויך איז באַשלאָסן געוואָרן צו ווענדן זיך צום ביסקופ, ער זאָל פון זיין זייט ווירקן, אַז די פויערים זאָלן אויך נעמען צעריסענע געלט. אויך די סאָוועטישע מאַכט האָט דעם 1=טן אַווגוסט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די, וואָס אַנטזאַגן זיך צו נעמען סאָוועטיש געלט און אָנגעריסענע, וועלן געמשפט ווערן ווי שפּיאָנען און מ׳וועט דערפאַר שיסן. און ווירקלעך האָט מען דעם 10=טן אַווגוסט געמשפט און דערשאָסן אַ יידישן סוחר פאַר אַרויפשרויפן די פרייזן און וואַרפן דעם קורס פון סאָוועטישן געלט. דעם 5=טן אַווגוסט האָט מען אַרעסטירט אַ סך „בירזשעוויקעס“ פאַר פאַרנעמען זיך מיט בייטן געלט.

מיט איין וואָרט, די סאָוועטישע רעגירונג אין ווילנע האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות און מיט אַ צוגעאיילטן טעמפּ, ווי ווייט מעגלעך צו פּראָלעטאַריזירן די שטאָט, גאָרניט פילנדיק, אַז אירע טעג אין ווילנע זיינען געציילטע. אַדרבא, דעם זעלבן 5=טן אַווגוסט האָבן זיך אונטער דער השגחה פון „סאָוונאַרכאָז“ און פאַבריק=קאָמיטעט געעפנט אַ סך פאַבריקן, ווי צ. ב. פון וואַטע, לעדער, טעקסטיל, דעקעס א. ד. ג. דעם 9=טן אַווגוסט איז ווידער אַרויס אַ פאַראָרדענונג צו רעגיסטרירן אַלע מילן, אַפילו די קליינע, אונטער דער התראה פון קאָנפיסקאַציע און באַשטראָפונג.

אַדאַנק די מפּלות, וואָס די רויטע אַרמיי האָט אָבער געליטן אין פוילן, האָט די ליטווישע רעגירונג אָנגעהויבן צו פאָדערן מיט מער דרייסטקייט, אַז די באָלשעוויקעס זאָלן פאַרלאָזן ווילנע לויט זייער אָפּמאַך אין מאָסקווע און דעם 10=טן אַווגוסט איז אַרויס אַ באַפעל צו עוואַקואירן ווילנע ביזן 1=טן סעפּטעמבער לויטן געשלאָסענעם טראַקטאַט מיט די ליטווינער. די לאַגע האָט זיך אָבער צוליב דעם נאָך מער פאַרערגערט, ווייל אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַראָרדנטער עוואַקואַציע איז אַרויס אַזאַ באַפעל: 1) אַלע רוי=מאַטעריאַלן און פאַרטיקע פּראָדוקטן פון די פאַבריקן, געשעפטן, סקלאַדן וכדומה, וועלכע זיינען רעגיסטרירט, געהערן צו דער סאָוועטישער מאַכט; 2) די פּראָדוקציע אויף די פאַבריקן ווערט געפירט דורך די אייגנטימער אונטער דער קאָנטראָלע פון די פאַבריק=קאָמיטעטן; 3) כדי צו זיכערן די אַרבעט ביזן 1=טן סעפּטעמבער גיבן די פאַבריק=קאָמיטעטן אַרויס די אַרבעטער רעזערוואַרג, ס׳זאָל קלעקן די אַרבעט ביז דעם דאָזיקן טערמין; 4) דער פאַרמעגן פון פריוואַטע פערזאָנען, וואָס זיינען ניט רעגיסטרירט, געפינט זיך אונטער דער שמירה פון דער סאָוועטישער מאַכט, פאַר באַהאַלטן און ניט רעגיסטרירן סחורה ווערט מען שטרענג באַשטראָפט. ווי ס׳איז צו זען פון דעם דאָזיקן באַפעל, האָט זיך די סאָוועטישע מאַכט געשטעלט אַ אויפגאַבע צוזאַמען מיט דער עוואַקואַציע פון ווילנע אויך מיטנעמען מיט זיך און אַרויספירן אַלע סחורות, פאַבריקאַטן און וואָס נאָר עס לאָזט זיך אַרויספירן. כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס מ׳האָט דאַן דערציילט, אַז ווען איינער פון די יידישע פאָרשטייער, דער שטאָט=מגיד הרב קראַקאָווסקי האָט זיך געווענדט צו דעם פאָרזיצער פון דער עוואַקואַציאָנעלער קאָמיסיע, ה׳ משה ראַפעס, ער זאָל רחמנות האָבן אויף ווילנער יידן און זען ניט אַלץ אַרויסצופירן, האָט ער אים געענטפערט, אַז ווען מען זאָל קענען אַרויספירן די מויערן פון ווילנע, וואָלט מען זיי אויך אַרויסגעפירט.

אָבער דערמיט אַליין איז דאָס נאָך ניט געווען געענדיקט: פאַר דער באָלשעוויסטישער מאַכט איז געווען נאָך ווייניק אַרויסצופירן די סחורה פון ווילנער געשעפטן און פאַבריקן; מ׳האָט געוואָלט מיטנעמען מיט זיך אויך די סוחרים און פאַבריקאַנטן גופא אַלס ערבניקעס, האָט מען גענומען מאַכן אויף זיי ביינאַכט אָבלאַוועס און מאַסנווייז אַרעסטירן. די ווילנער טורמעס זיינען פול געוואָרן מיט יידישע קרעמער, פאָדריאַדטשיקעס און פאַבריקאַנטן. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די סוחרים און הענדלער האָבן זיך באַהאַלטן ווער אונטער שטאָט, ווער אין די דערבייאיקע שטעטלעך, וועלכע זיינען שוין געווען פאַרנומען, און ווער ס׳איז אַנטלאָפן גאָר קיין קאָוונע. אויך אַ סך ווילנער סוחרים, וועלכע זיינען נאָך פיל צרות און מאַטערנישן דעם 2=טן אַווגוסט צוריקגעקומען דורך דאַנציג און קאָוונע פון וואַרשע קיין ווילנע, האָבן איצט, סך=הכל אין אַ וואָך אַרום, געמוזט ווידער פאַרלאָזן זייער היים, האָב און גוטס, כדי ניט מיטגעשלעפט צו ווערן דורך די באָלשעוויקעס.

ווי שלעכט ס׳איז ניט געווען, האָט דאָך די ידיעה, אַז די באָלשעוויקעס פאַרלאָזן ווילנע, געווירקט, און דעם 12=טן אַווגוסט האָט געפּלאַצט דער יקרות. די ביינאַכטיקע אָבלאַוועס אויף די ווילנער יידישע סוחרים און די פיל אַרעסטן האָבן אָנגענומען אַזאַ מאַסן=כאַראַקטער, אַז די ווילנער יידישע קהילה האָט זיך דעם 16=טן אַווגוסט געווענדט צו דער ליטווישער מאַכט, זי זאָל פועלן צו באַפרייען די אַרעסטירטע יידישע סוחרים. אין לעצטן נומער פון יידישן באָלשעוויסטישן אָרגאַן „די רויטע פאָן“ פון 23=טן אַווגוסט טריאומפירט נאָך די רעדאַקציע אין אַ אַרטיקל, וואָס די לוקישקער טורמע איז אָנשטאָט די באַפרייטע פּאָליטישע פאַרברעכער „איבערפילט געוואָרן פון ספּעקולאַנטן“, ד. ה. פון יידישע סוחרים.

דערצו נאָך האָט די באָלשעוויסטישע מאַכט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע אייגנטימער פון געשעפטן און פאַבריקן מוזן ניט שפּעטער, ווי ביז דעם 26 אַווגוסט ד. ה., פאַר זייער פאַרלאָזן ווילנע, איינצאָלן פאָראויס זייערע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פאַר אַ האַלב יאָר שכירות, אָבער צוליב די גרויסע מפּלות פון דער באָלשעוויסטישער אַרמיי איז די עוואַקואַציע פון ווילנע דורך די רויטע פאָרגעקומען מיט איניקע טעג פריער. און בעת ס׳איז אָפּגעגאַנגען דער לעצטער באָלשעוויסטישער צוג פון ווילנע, האָבן אים די ליטווינער אָפּגעשטעלט אין נאָוואָווילייסק, אַרומגערינגלט אים און באַפרייט אַלע ווילנער אַרעסטירטע יידישע סוחרים און ערבניקעס.

דעם 26 אַווגוסט פאַרנאַכט האָבן די אַנטרונענע יידישע סוחרים, וועלכע האָבן זיך באַהאַלטן פון די באָלשעוויקעס אין ניעמענטשין, וואָס האָט זיך געפונען אונטער די ליטווינער, דערהערט אַ גאַנץ ווייטן אָפּקלאַנג פון אַ האַרמאַטן=שיסעריי. מען האָט ניט געוואוסט, וואָס זאָל דאָס באַטייטן: אפשר אַ געראַנגל מיט די רויטע? אָבער אויף מאָרגן פרי האָבן עקסטרע שלוחים פון ווילנע אָנגעזאָגט, אַז ווילנע איז שוין פאַרנומען פון די ליטווינער און די נעכטיקע האַרמאַטן=שיסעריי איז געווען אַ 21 מאָליקער סאַליוט לכבוד אויפהענגען די ליטווישע פאָן, אויפן שלאָסבאַרג. אין אַ פריילעכער שטימונג האָבן זיך די באַהאַלטענע יידישע סוחרים אומגעקערט צו זיך אַהיים קיין ווילנע.

---

V.

אַ גליק איז געשען אַלע ווילנער סוחרים, וואָס די באָלשעוויקעס זיינען געניט געוועזן צו פאַרלאָזן ווילנע מיט אייניקע טעג פריער פאַר דעם אָפיציעל באַשטימטן טערמין, ווייל אַניט — וואָלטן די אַלע פאַרהתמעטע און פאַררעגיסטרירטע סחורות און פּראָדוקטן אַרויסגעפירט געוואָרן ביז צום גרונד, ווי ס'האָט פּאַסירט מיט די זאַכן, וועלכע זיי האָבן באַוויזן אַרויסצופירן. און דאָך האָט זיך אַפילו נאָך דעם 26 אַווגוסט 1920, ווען ווילנע איז פאַקטיש פאַרנומען געוואָרן דורך די ליטווינער, דער ווילנער מסחר געפונען אין אַ שווערן מצב. ערשטנס זיינען די ווילנער געשעפטן, די קאָאָפּעראַטיוון בתוכם, באַדייטנד אויסגעליידיקט געוואָרן צוליב די אומגעהייערע באָלשעוויסטישע רעקוויזיציעס; צווייטנס איז ווילנע אָפּגעשלאָגן געוואָרן פון אַלע פּראָווינציעלע אורחים, וואָרים צוליב דעם, וואָס די גאַנצע ווילנער פּראָווינץ איז פאַרנומען געוואָרן דורך די ליטווינער מיט צוויי וואָכן פריער, ווי ווילנע גופא, האָבן זיך די פּראָווינציעלע סוחרים דערווייל צוגעווינט צו ליפערן די סחורות דורך פּאָניעוועזש — קאָוונע — קיבאַרט, ד. ה. דירעקט פון ערשטן מקור און זעלבסטפאַרשטענדלעך ביליגער ווי ביים ווילנער סוחר, וועלכער האָט נאָכן פאַרנעמען די שטאָט דורך די ליטווינער, אַליין אויך געמוזט פאָרן איינקויפן די סחורה אין קאָוונע — קיבאַרט; דריטנס, מיטן אַריבערגיין פון ווילנער קאַנט צו די ליטווינער, אָפּגעשניטן פון וואַרשע, האָט דער ווילנער סוחר, זייענדיק אָפּהענגיק פון קאָוונע — קיבאַרט, אַלס איינציקן מקור פון סחורה, געמוזט צופּאַסן זיך צו דער נייער דייטשער וואַליוטע, וועלכע איז לויטן דאַמאָלסטדיקן קורס געשטאַנען פינף מאָל אַזוי הויך ווי די פּוילישע. דערצו נאָך זיינען די קאָוונער און קיבאַרטער אַנגראָסיסטן געוועזן איינגעאַרבעט מיט די דייטשע פירמעס און זיי האָבן באַקומען די סחורה דירעקט פון דייטשלאַנד, אין דער צייט ווען דעם ווילנער סוחר איז שוין אויסגעקומען צו קויפן פון דער צווייטער האַנט ביים קאָוונער סוחר. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז דער ווילנער סוחר האָט ניט געקאָנט קאָנקורירן מיטן קאָוונער און אַלע פּראָווינציעלע סוחרים זיינען פאַר ווילנע געגאַנגען פאַרלאָרן. דערצו נאָך האָט ווילנע פאַרמאָגט אַביסל איבערגעבליבענע סחורות, וועלכע זיינען איינגעקויפט געוואָרן נאָך פאַר די פּאָליאַקן אין וואַרשע און געקאָסט באַדייטנד טייערער, ווי די דייטשע פאַבריקאַטן, וועלכע זיינען באַצויגן געוואָרן דורך קאָוונע=קיבאַרט. צ. ב. לעדער, קערן=זיי האָבן געקאָסט דאַן אין וואַרשע 350 מאַרק אַ פונט און אין קאָוונע 50 זָסט=מאַרקן, וואָס ס'האָט אויסגעמאַכט לויטן קורס 250 מאַרק אַ פונט. פיל ווילנער סוחרים האָבן אַזוי אַרום צוגעלייגט אַ סך געלט צו זייערע פאַרבליבענע לאַגערן סחורה.

די לאַגע פון ווילנע אַלס אַ האַנדלס=שטאָט האָט געראַטעוועט נאָר דאָס, וואָס די ליטווישע רעגירונג האָט באַשלאָסן צו מאַכן ווילנע פאַר דער רעזידענץ פון ליטע. דאָס האָט באַוואויגן אַלע גרויסע קאָוונער ווי אויך אויסלענדישע פירמעס אַריבערצוקלייבן זיך קיין ווילנע, מען האָט אָנגעהויבן געבן גרויסע אָפּטרעטגעלט די ווילנער סוחרים פאַר זייערע געשעפט=לאָקאַלן און צוזאַמען דערמיט האָבן די בעלי=בתים פון די הויפן אָנגעהויבן אויך פון זייער זייט פאָדערן אומגעהייערע "דירה=געלט" פאַר די קראָמען. אַ געוויסער שטער אין מסחר איז געוועזן די שענדלעכע ספּעקולאַציע מיט די צעריסענע פּוילישע געלט, וועלכע מען פלעגט דאַן בודק זיין ביז חלשות. אין עולם המסחר האָט מען ניט געוואָלט האַלטן קיין צעריסענע געלט, ווייל אין קיבאַרט פלעגן די דייטשע "בירזשעוויקעס" ניט וועלן עס טוישן. אַלנפאַלס, פלעגט מען צאָלן פאַר "ריס" אַ נידעריקערן קורס.

ס'איז אויך ווערט צו פאַרצייכענען דעם אָנפאַל, וואָס איז דעם 1 סעפּטעמבער פאָרגעקומען אַרום "האַלע" דורך באַוואָפנטע קריסטלעכע שיכורים, אַ סך יידישע הענדלער האָט מען צעשלאָגן און בכלל געוואָרפן אַ מורא אויף זיי.

די ליטווישע ממשלה האָט זיך אויסגעצייכנט פון אַלע איבעריקע מלוכה=מאַכטן דערמיט, וואָס זי האָט איבערהויפּט ניט אַרויסגעגעבן קיין פאַראָרדענונגען. ס'איז געווען פּונקט ווי אין שלום=צייט, מען האָט זיך געפילט פריי, הגם אַ סך האָבן זיך באַקלאָגט און געטענהט, אַז וואָס איז די פּעולה פון דער פרייהייט, ווען ס'איז ניטאָ קיין פּרנסה. דעם 8=טן סעפּטעמבער האָט די ליטווישע קאָמענדאַנטור מודיע געווען, אַז אַלע פּערזאָנען, וועלכע באַזיצן ליטווישע אָדער אָבָאָסט=פּעסער קענען פאָרן אָן רייזעשיינען. דעם 15=טן סעפּטעמבער האָט זיך שוין דער באַן=מיניסטעריום אַריבערגעקליבן פון קאָוונע קיין ווילנע. אַדאַנק דעם, וואָס דאָס פאָרן אויף די באַנען איז געווען פּראַנק און פריי און גענוג באַקוועם, ווייל אויף דער ליניע ווילנע — קאָוונע — קיבאַרט פלעגן קורסירן צוויי צוגן און מען האָט געקאָנט אַרויספאָרן אין דערפריה פון ווילנע און בייַנאַכט קומען צוריק פון קיבאַרט מיט איינגעקויפטע סחורות אָן שום שטערעניש און רעקוויזיציעס, האָט דער גאַנצער שמוכל אַלס אַזעלכער געפלאַצט פון זיך אַליין. וואָרים יעטווידער, זאָגאַר קליינער סוחר, האָט געקאָנט גאַנץ לייכט באַוויזן צו באַקומען סחורה אין איין טאָג און ניט דאַרפן אָנקומען צו אַ צווייטער האַנט און איבערצאָלן. דער געווינלעכער פאַרדינסט פון אַ אַנגראָסיסט צו יענער צייט איז געוואָרן אַ נאָרמאַלער, בסך=הכל 5 פּראָצענט, ווי אין שלום=צייט. אַדאַנק דעם אַליין זיינען אַלע אַרטיקלען פון טאָג צו טאָג ביליגער געוואָרן און דער מסחר האָט ביסלעכווייז אָנגענומען די פאָרמען און כאַראַקטער פון די פאַר=מלחמה=יאָרן. איבערהויפּט איז דאַן געווען גרויס דער מסחר מיט זאַלץ, וואָס מען פלעגט וואַגאָנעסווייז פירן צו גלובאָקע און פון דאָרט אַריבערשמוגלען קיין רוסלאַנד.

ערשט אָנהייבנדיק פון 13=טן סעפּטעמבער האָט דער מיניסטעריום פאַר פינאַנסן, האַנדל און אינדוסטריע אָנגעהויבן אַריינציען אויך די נייע באַפרייטע ווילנער געביטן אונטער די כללים פון דער אַלגעמיינער ליטווישער געזעצגעבונג וועגן האַנדל און אינדוסטריע: ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן פאָלגנדיקע פאַראָרדענונג:

אַלע באַזיצער אָדער פאַרוואַלטער פון אינדוסטריעלע אַנשטאַלטן (פאַבריקן, זאַוואָדן, האַנטווערקער-וואַרשטאַטן און אַנד.) וועלכע געפינען זיך אין די ערטער, וואָס זיינען באַפרייט פון דער רוסישער און פּוילישער אָקופּאַציעס, און וועלכע באַנוצן זיך מיט געדונגענע אַרבעטס-הענט זיינען מחויב צו פאַררעגיסטרירן זיך אין דער קאַנצעלאַריע פון דעם באַפולמעכטיקטן פון דעם מיניסטעריום פאַר פינאַנסן, האַנדל און אינדוסטריע, אין דער שטאָט ווילנע — ביזן 25-טן סעפּטעמבער, אין די אויעזדן ביזן 9 אָקטאָבער. זיי דאַרפן אַרויסנעמען געהעריקע רעגיסטראַציאָנעלע קוויטאַנציעס.

ביים רעגיסטרירן זיך דאַרפן זיי אָנווייזן די פאָלגנדע ידיעות:

1) דער נאָמען פון דער פירמע אָדער אַנשטאַלט. 2) וועלכע אַרבעטן ווערן אויסגעפירט, וועלכע פּראָדוקטן ווערן געמאַכט. 3) גענויער אַדרעס פון דער אונטערנעמונג. 4) ווער האָט אַריינגעלייגט קאַפּיטאַל (איין פּערזאָן, אַקציאָנס-געזעלשאַפט, קאָמפּאַניע אויף פּאַיעס, פולשטענדיקע קאָמפּאַניע און אַנד). 5) אַדרעס פון דעם אייגנטימער, און פאַר קאָמפּאַניעס און אַקציאָנס-געזעלשאַפטן — אַדרעס פון דעם פאַראַנטוואָרטלעכן דירעקטאָר. 6) די גרויס פון דעם גרינדונגס-קאַפּיטאַל אין רובלס (אין גאָלד-וואַליוטע). 7) פּראָדוקטיוויטעט פון דער אונטערנעמונג (דער סכום פון די פאַבריקאַטן אָדער פון אויסגעפירטע אַרבעטן אין חודש) ביז דער מלחמה 1914 יאָר. 8) פּראָדוקטיוויטעט פון דער אונטערנעמונג ביז דער רוסישער אָקופּאַציע דעם 14 יולי 1920 יאָר. 9) די איצטיקע פּראָדוקטיוויטעט פון דער אונטערנעמונג. 10) ביז וועלכער גרויס קען שטייגן די פּראָדוקטיוויטעט לויט די טעכנישע מיטלען פון דער אונטערנעמונג? 11) פון וואַנען פלעגט די אונטערנעמונג באַקומען רויוואַרג און מאַטעריאַלן? 12) וואוהין פלעגן פאַרקויפט ווערן די פּראָדוקטן ביז דער רוסישער אָקופּאַציע (אויפן אינווייניקסטן פּריוואַטן מאַרק, אין אויסלאַנד, אָדער זיי פלעגן אָפּגעגעבן ווערן דער מלוכה)

13) צי איז די רוסישע מאַכט אין דער צייט פון אָקופּאַציע געשטאַנען אין דועלכע עס איז באַציאונגען מיט דער אונטערנעמונג; צי זיינען געמאַכט געוואָרן ריעקוויזיציעס; צי האָט מען צוגעשטעלט דער אונטערנעמונג רויוואַרג, און אויף וועלכע באַדינגונגען? 14) צי איז די פּוילישע מאַכט אין דער צייט פון אָקופּאַציע געשטאַנען אין וועלכע עס איז באַציאונגען מיט דער אונטערנעמונג? אין וועלכע באַציאונגען? צי האָט מען צוגעשטעלט דער אונטערנעמונג רויוואַרג, און אויף וועלכע באַדינגונגען? 15) וויפיל שטענדיקע אַרבעטער און וויפיל טאָג-אַרבעטער זיינען געווען פאַרנומען אין דער אונטערנעמונג די לעצטע צייט ביז דער רוסישער אָקופּאַציע? 16) וויפיל שטענדיקע און וויפיל טאָג-אַרבעטער זיינען פאַרנומען איצט? 17) אויף וויפיל צייט—ביי דער איצטיקער פּראָדוקטיוויטעט—איז די אונטערנעמונג פאַרזאָרגט מיט רויוואַרג? 18) צי ווערט אָנגעגרייט נאָך רויוואַרג? 19) אויב די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אונטערנעמונג איז די לעצטע צייט געפאַלן, אויב מען אַרבעט אינגאַנצן ניט, אָדער אויב די אונטערנעמונג וועט מוזן אָפּשטעלן די אַרבעט אָדער פאַרקלענערן זי — דאַרף מען אָנווייזן די סיבות דערפון (ווייל עס איז ניטאָ קיין רויוואַרג און מאַטעריאַלן; מען קען ניט געפינען קיין אָפּזאַץ פאַר די פּראָדוקטן; עס לוינט ניט צו אַרבעטן; די טעכנישע איינאָרדענונג איז מיט פעלערן; עס פעלט אויס קאַפּיטאַל, און אַנד.) ווי אויך — מיטלען ווי זיי צו באַזייטיקן.

פאַר ניט רעגיסטרירן די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין דער געהעריקער צייט וועלן די פאַראַנטוואָרטלעכע פירער פון די אונטערנעמונגען באַשטראָפט ווערן מיט 2 חדשים אַרעסט אָדער ביז 10,000 ליטווישע מאַרק שטראָף.

אויך האָט דעם 23 סעפּטעמבער דער יידישער פאַרשטייער פון מאַגיסטראַט אויסגעאַרבעט אַ אָפּצאָל-פּראָיעקט פון 2% ביים אַריינפירן און אַרויספירן סחורה פון ווילנע, וואָס ס'האָט אַרויסגערופן אַ אומצופרידנקייט ביי די יידישע סוחרים. בלויז נאָך איין דעקרעט וועגן מסחר האָט די ליטווישע רעגירונג באַוויזן אַרויסצוגעבן דעם 6 אָקטאָבער, סך-הכל אַ פּאָר טעג פאַרן פאַרלאָזן ווילנע: וועגן עפענען צאָלהייזער, צווישן זיי, איינס אין ווילנע, וואו ס'מוז אָפּגעצאָלט ווערן פאַר די סחורות, וועלכע געפינען זיך שוין אין שטאָט, נאָר זיי שטאַמען פון אויסלאַנד (ד. ה. פון פּוילן); דער לעצטער טערמין פאַר איינצאָלן די צאָל, ווי אויך אַקציז, איז באַשטימט געוואָרן אויפן 1 נאָוועמבער און דערום זיינען אַלע סוחרים אויפגעפאָדערט געוואָרן צו רעגיסטרירן און אָנווייזן דעם סכום און באַטרעף פון די סחורות. ביים איינצאָלן באַקומען זיי אַ צאָל-קוויט און אויף דער סחורה וועט געלייגט ווערן אַ שטעמפּל. צו די סחורות געהערן לעדערוואַרג, שיך, מאַנופאַקטור, בענדער, שטריקוואַרג, זייגערס, פאָדים, שפּיל-קאָרטן, שירמס, נאָדלען, פּערלמוטערנע קנעפּ, בראַנפן, וויין, טאַבאַק-אויסאַרבעטונגען. פאַר געפינען נאָך דעם 1 נאָוועמבער סחורה אָן אַ שטעמפּל ווערט מען באַשטראָפט אַלס קאָנטראַבאַנדע ערשטנס מיט 5000 אָסט-מאַרק און דערצו 6 מאָנאַט טורמע, די, וועלכע וועלן פאַרהאַלטן קאָנטראַבאַנדע, באַקומען איין דריטל פון דעם ווערט פון דער פאַרהאַלטענער סחורה. אויך ווערט ערקלערט אין דער פאַראָרדענונג, אַז די אויסלענדישע סחורות, וועלכע זיינען אין אַלגעמיין פאַרבאָטן אַריינצופירן פון אויסלאַנד ווערן ערלויבט אַריינצופירן פון די ניי-באַפרייטע געביטן נאָר ביזן 1 נאָוועמבער, נאָך דעם טערמין וועלן די סחורות קאָנפיסקירט ווערן.

דער דאָזיקער באַפעל האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע צערודערונג ביי די ווילנער סוחרים, ווייל וואָסער סוחר האָט ניט פאַרמאָגט אַ ביסל שיריים פון וואַרשעווער סחורות, וועלכע זיינען אַזוי אויך געווען טייערער פאַר די דייטשע פאַבריקאַטן, וואָס מען האָט איצט באַצויגן פון קאָוונע-קיבאַרט. ס'איז לייכט צו פאַרשטיין, וויפיל היזק די ווילנער סוחרים וואָלטן געהאַט ביים אָפּצאָלן צאָל און אַקציז אויף די אַזוי אויך פאַרטייערטע סחורות, און דערום טאַקע האָט מען די אַלע אויסגערעכנטע אין באַפעל אַרטיקלען אָנגעהויבן באַהאַלטן.

אויך איז דעם 7-טן אָקטאָבער אַרויס אַ באַפעל פון ליטווישן האַנדלס-מיניסטער, אַז אין די אַלע ניי-באַפרייטע געביטן ווערט איינגעפירט אַלס אַ געלט-מטבע דער אָסט-מאַרק, נאָר צייטווייליק איז ערלויבט צו נעמען פּוילישע מאַרקן צום קורס 5 פּוילישע מאַרק פאַר 1 אָסטמאַרק, און נאָר גאַנצע געלט, ניט קיין צעריסענע. די מעלדונג וועגן ניט נעמען קיין „צעריסענע" פּוילישע געלט האָט אַרויסגערופן אַ געררעכטן טומל אין די סוחרישע קרייזן; דאָס האָט אין אַ געוויסער מאָס באַרעכטיקט, וואָס די בירזשעוויקעס האָבן שוין גלייך פון אָנהייב אָן ביים אַריינגיין פון די ליטווינער אַנטזאַגט זיך צו נעמען צעריסענע געלט.

אַזוי ווי דער גאַנצער פאַרדינסט אין אַנגראָ-פאַרקויף איז דאַן געווען זייער אַ מינימאַלער, בס"ה 5 פּראָצענט, האָט דער אָסט-מאַרק ביסלעכווייז, צום סוף פון דער ליטווישער ממשלה, אָנגעהויבן אַרויסצושטופּן דעם פּוילישן מאַרק פון גרויס-האַנדל: וואָרים די אַנגראָסיסטן, קויפנדיק אַליין די סחורה אין קאָוונע—קיבאַרט אין דער דייטשער וואַליוטע, האָבן ניט געוואָלט פאַרקויפן אין אַן אַנדער וואַליוטע און ריזיקירן דערביי מיט זייער קליינער פּרנסה, און אַמאָל אויך צולייגן צום קרן, צוליב די וואַקלענישן פון פּוילישן מאַרק.

די לעצטע פּאָר טעג, ד. ה. דעם 6-טן און 7-טן, זיינען שוין אַפילו אַרומגעגאַנגען אין שטאָט אומרואיקע קלאַנגען; די אָנגעקומענע יידישע פּליטים פון יאַשון, האָבן דערציילט, אַז ס'רוקט זיך אויף ווילנע אַ גרויסע מחנה, אָבער די ליטווישע מאַכט האָט עס קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט און נאָך אינגאַנצן מיט עטלעכע שעה פאַר דער ליטווישער עוואַקואַציע פון ווילנע, דעם 8-טן אָקטאָבער זיינען מיט דער באַן אָנגעקומען ליטווישע אַנשטאַלטן פון קאָוונע קיין ווילנע.

דער מסחר, וועלכער האָט שוין פאַר דער קורצער צייט פון דער ליטווישער ממשלה, אַדאַנק דער פרייהייט פון האַנדל און באַוועגונג, געוועזט באַוויזן אַרויפצוטרעטן אויפן נאָרמאַלן וועג פון מסחר אין די פאָרמען פון שלום-צייט, איז אין מיטן איבערגעהאַקט געוואָרן: שבת דעם 9-טן אָקטאָבער 4 אַזייגער בייטאָג האָט אין ווילנע אַריינגעמאַרשירט זשעליגאָווסקי מיט זיין חיל, וואָס האָט אָפיציעל געהייסן „די מיטל-ליטווישע אַרמיי".



יונה שאַפּירא.

# מסחר און אינדוסטריע אין דער עפּאכע פון „מיטל=ליטע“.

## אַרײַנפיר.

שוין אין דער צייט פון דער פוילישער פאַרוואַלטונג איבער די מזרח=געביטן אין יאָר 1919 האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן אַ בהדרגהדיקע נאָרמאַליזירונג פון ווילנער מסחר און אינדוסטריע. די נאָרמאַליזירונג האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס דער מסחר האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין פון די הענט פון צופעליקע שמוכלער=סוחרים, אַריבערגייענדיק ביסלעכווייז צו די פאַך=סוחרים. עס איז כּדאי צו דערמאָנען, אַז פאַר דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז דער אַלטער סוחר כּמעט אינגאַנצן אַוועקגעשטויסן געוואָרן פון דער אויבערפלאַך פון היגן מסחר, איבערלאָזנדיק דעם פּלאַץ פאַר די ניי=אויפגעקומענע שמוכלער=סוחרים, וואָס זייער פאַכקענטעניש איז באַשטאַנען אין באַקאַנטשאַפט מיט די דייטשע באַאַמטע און במילא אין די מעגלעכקייטן צו קריגן ענגל רייזע=שיינען, אַרויספיר און אַרײַנפיר=שיינען וכדומה. פון דעם דאָזיקן מין „סוחר“ האָט זיך ניט געפאָדערט צו זיין אַ פאַכמאַן און צו האָבן די נייטיקע פאַכמענישע ידיעות. דערדאָזיקער מין „סוחר“ האָט זאָגאַר ניט געדאַרפט זיין קאָמפּעטענט אין די אַרטיקלען און אין די פרייזן פון די סחורות מיט וועלכע ער פלעגט האַנדלען. די שטאָט איז געווען אויסגעהונגערט אין סחורה און וואָס דער שמוכלער האָט נאָר געבראַכט, איז געווען גוט, און וויפיל ער פלעגט פאַרלאַנגען, פלעגט מען אים מוזן באַצאָלן.

ווען די ממשלה איבערן קאַנט איז אַריבער צו די פּאָליאַקן און עס האָבן ביסלעכווייז גענומען פאַרשווינדן די פאַרצאַמונגען, וועלכע האָבן עקסיסטירט צווישן שטאָט און שטעטל, איז שוין במילא דורכדעם אַראָפּגעגאַנגען דער יחוס פון די שמוכלערס און דער מסחר איז ווידער איבערגעגאַנגען צו די פאַך=סוחרים, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צוריק אָנצוקניפּן די באַציאונגען מיט זייערע אַלטע פירמעס אין פוילן. אגב האָט זיך אין די צענטראַלע שטעט פון פוילן ווי לאָדז, וואַרשע וכדומה אין דער זעלבער צייט אויך אָנגעהויבן דער אָפּבוי פון דער פוילישער אינדוסטריע, וועלכע איז כּמעט אינגאַנצן חרוב געווען פאַר דער צייט פון די דייטשן. די פאַבריקן האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו אַרבעטן. אויפן מאַרק האָבן זיך גענומען ווייזן אַרטיקלען פון נייעם פאַבריקאַט, און די אַלטע פאַבריקאַנטן פלעגן ממש אָנקוועלן, דערזעענדיק צוריק זייערע אַלטע קונדן פון ליטע און פוילן. אַזוי=אַרום האָט זיך אונטער די געניטע פאַכמענישע הענט פון דעם יידישן סוחר און פאַבריקאַנט גענומען ביסלעכווייז אַנטוויקלען דער מסחר און דאָס געווערב אין פוילן און אויך אין אונזער קאַנט.

נאָר אויב אונזער מסחר האָט זיך שוין ביי די ערשטע מעגלעכקייטן גענומען ביסלעכווייז אַיינשטעלן, איז עס אָבער אַ סך שווערער ביי אונז צוגעגאַנגען מיט דער צוריקשטעלונג פון אונזער אינדוסטריע. די פאַבריקן זיינען געווען כּמעט אינגאַנצן רויִנירט, די מאַשינעס — צעבראָכן אָדער אַרויסגעשלעפּט דורך די אָקופּאַנטן, די אָפּזאַץ=מערק, פאַר וועלכע אונזערע פאַבריקן פלעגן אַרבעטן, פאַרלאָרן צוליב דער נייער פּאָליטישער סיטואַציע. דאָך מוז מען זאָגן, אַז ניט קוקנדיק אויף דידאָזיקע אומגינסטיקע פאַרהעלטענישן, האָט מען דאָך, הגם אין אַ ליינעם מאַסשטאַב, אויך אויף דעם געביט אָנגעהויבן צו ביסלעך צו אַרבעטן. ביסלעכווייז האָבן גענומען אַרבעטן די היגע גאַרבערייען, טאַרטאַקן, קאָנפעקטערייען וכדומה. עס האָט זיך אויך גענומען פילן אַן אויפלעבונג אין די היגע האַנטווערקערייען. די וואַרשטאַטן, וואָס זיינען פאַרמאַכט געווען אין דער צייט פון די דייטשן, האָבן ווידער אָנגעהויבן זייער טעטיקייט.

די ווייטערדיקע פּאָליטישע געשעענישן אין ווילנע האָבן געבראַכט דערצו, אַז די מיט אַזוי פיל מי צוריק אַיינגעשטעלטע ווירטשאַפט איז ווידער צעטרייסלט געוואָרן. דעם 14 יולי איז אונזער שטאָט פאַרנומען געוואָרן דורך די באָלשעוויסטישע חיילות און אונזער מסחר און געווערב איז פּלוצלונג אָפּגעשטאָרבן. עס האָבן זיך מיט אַ מאָל איבערגעריסן די פעדים, וואָס האָבן דעם היגן מסחר און געווערב פאַרבונדן מיט פוילן, און די שוואַכע שפּראָצונגען זיינען אומגעקומען אין שטורים פון די געשעענישן.

די צייט פון די ליטווינער אין ווילנע איז פאַר אונזער מסחר=וועלט אַריבער שטיל, אָן באַוועגונג. צו קורץ איז געווען די ליטווישע ממשלה, אויף צו קענען אָריענטירן זיך אין די עקאָנאָמישע פּערספּעקטיוון, וואָס אונזער קאַנט וואָלט געהאַט ביי דער גרויסליטווישער ווירטשאַפט, דאָך אָבער האָט זיך געפילט, אַז אויף קיין צו גרויסער אַנטוויקלונג פאַר אונזער מסחר איז ניט געווען זיך צו ריכטן. די סוחרישע באַציאונגען פון אונזער האַנדלסוועלט זיינען פון תּמיד אָן געווען נעענטער צו פוילן און ביי די ערשטע מעגלעכקייטן האָבן זיך די, דורך די פּאָליטישע געשעענישן איבערגעריסענע פאַרבינדונגען, ווידער אָנגעקניפּט, בשעת ווען מיט די דייטשע פירמעס (קיין ליטווישע אינדוסטריע איז איבערהויפּט ניט בנמצא) האָבן אַמאָל געהאַט צו טאָן ביי אונז נאָר יחידי=סגולה.

דער ווירטשאַפטלעכער צוזאַמענבונד פון אונזער געגנט מיט פוילן האָט זיך אָבער צום גלענצנדסטן אַרויסגעוויזן אין דעם צווייטן פעריאָד פון דער פוילישער ממשלה, אין דעם פעריאָד פון דער אַזוי גערופענער „מיטלליטע“.

---

## 1.

דעם 9=טן אָקטאָבער 1920 בייטאָג האָט אַ פוילישע מיליטערישע גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל זשעליגאָווסקי פאַרנומען אונזער שטאָט, ערקלערנדיק ווילנע מיטן קליינעם שטח אַרום פאַר אַ באַזונדער מלוכהלע „מיטלליטע“.

דידאָזיקע פּאַסירונג האָט ווי געוויינטלעך ביי אַלע פּאָליטישע איבערקערענישן תּחילת געווירקט זייער שלעכט אויפן ווילנער מסחר. די שרעק פון דער פיל געפּרובטער יידישער באַפעלקערונג איז געווען זייער גרויס. אַ סך מענטשן, באַזונדערס יונגע=

לייט, זיינען אַנטלאָפן פון שטאָט אין דער ריכטונג צו קאָוונער ליטע. די פאַרבליבענע האָבן זיך אין גרויס פּחד פאַרשלאָסן אין די הייזער, פאַרהאַקט די טויערן, פאַרמאַכט די געשעפטן, און אַ פּאָר וואָכן האָט מען אין גאַס קוים אַ לעבעדיקן יידן באַגעגנט, הגם די פּוילישע מאַכט און געזעלשאַפט האָבן קענטיק אָנגעווענדט מי צו באַרואיקן די יידישע באַפעלקערונג, וואָס עס איז געווען צו זען הן פון דעם אויפרוף פון פּוילישן קאָמיטעט, הן פון די פאַראָרדענונגען פון דער נייער מאַכט. אָבער אַז די שרעק פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען ניט אינגאַנצן אומזיסט, האָבן באַוויזן די טעג פון 9=טן און 10=טן אָקטאָבער, אין וועלכע עס זיינען פאָרגעקומען אַ גאַנצע ריי גזלות און רציחות איבער יידן און אויך 8 פאַלן פון מאָרד.

דעם 11=טן אָקטאָבער האָט אַ יידישע דעלעגאַציע פון הרב רובינשטיין, ד"ר שאַבאַד און ד"ר וויגאָדסקי אינטערווענירט ביי דער מאַכט וועגן די פאָרגעקומענע גוואַלדטאַטן, און דער רעזולטאַט פון דער אינטערווענציע איז געווען,—אַז עס איז געשאַפן געוואָרן אַ יורידישע קאָמיסיע ביי דער רעגירונג, צו פאַרנעמען זיך מיטן אויספאָרשן די אַלע פאָרגעקומענע גוואַלדטאַטן.

דאָס אַלץ האָט דעם יידישן עולם ניט באַרואיקט און די יידישע געשעפטן זיינען געבליבן פאַרמאַכט אַ היבשע צייט, ביז די מאַכט האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די געשעפטן מוזן אומבאַדינגט זיין אָפן פון 9 פרי ביז 6 אין אָוונט.

די געשעפטן האָבן זיך, לויטן באַפעל, געעפנט, אָבער גלייך נאָכן פאַרשליסן זיי פלעגט אויף די גאַסן ווערן טויט=שטיל. אַ זייגער 8—9 פלעגט מען שוין קיין יידן ניט באַגעגענען.

דאָס לעבן האָט אָבער געטאָן דאָס זייניקע, און שוין אומגעפער אין אַ חודש אַרום האָט זיך אָנגעהויבן אין די געשעפטן ביסלעכווייז צו רודלען. די יידישע סוחרים זיינען געקומען צו זיך, מען האָט גענומען קלערן וועגן עפּעס טאָן, דאָ אָבער האָבן זיך אַרויסגעוויזן גאַנץ נייע מניעות. ווי עס איז באַוואוסט, איז דער שטח פון אונזער נייער „מלוכה" געווען זייער אַ קליינער. לידע האָט זיך שוין גערעכנט „אויסלאַנד", וואוהין מען האָט געדאַרפט האָבן אַ ספּעציעלע ערלויבעניש צום פאָרן. הגם די אָרטיקע מאַכט האָט ניט געמאַכט קיין צו גרויסע שוועריקייטן צום פאָרן פון דאַנען קיין פּוילן, אָבער אויף דער גרעניץ מיטלליטע—פּוילן, ד. ה. אין לידע, פלעגט די דאָרטיקע מאַכט אָפּהאַלטן די פּאַסאַזשירן און ניט לאָזן זיי ווייטער. די ערשטע צייט פלעגט מען זאָגאַר די יידישע דורכרייזנדע אָנטאָן גרויסע עינויים: אַרעסטירן, האַלטן אין אַ קאַראַנטין און נאַכהער אָפּשיקן צוריק קיין ווילנע, נאַכהער האָט מען זיך שוין באַנוגנט מיט דעם, וואָס מען פלעגט אָפּהאַלטן אין לידע עטלעכע טעג און דאָ אַרויסגעבן אַ ספּעציעלן רייזע=שיין אויף צו פאָרן ווייטער. עס האָבן זיך דערביי געפאָדערט געוויסע פאָרמאַליטעטן, מען האָט געדאַרפט באַווייזן, אַז מ'איז אַ סוחר און אַז מען פאָרט מיט סוחרישע אָדער אַנדערע צוועקן. מען האָט אויך געדאַרפט אָנגעבן די סחורות, וועלכע מען האָט בדעה צו קויפן וכדומה.

אַ צווייטע מניעה פאַרן היגן מסחר איז געווען, וואָס די באַן=קאָמוניקאַציע האָט פונקציאָנירט ניט נאָרמאַל. פון ווילנע אויף וואַרשע פלעגט מען דאַרפן פאָרן ניט ווי אַמאָל—דורך גראָדנע, נאָר אַרום, דורך לידע, וואָלקאָוויסק, סעדלעץ. אַזאַ נסיעה פלעגט געדויערן כמעט אַ מעת=לעת. אויסערדעם פלעגן די צוגן גיין נאָר 2 מאָל אַ וואָך. ערשט סוף 1920 האָבן אָנגעהויבן צו קורסירן 2 צוגן טעגלעך.

ווי שוין דערמאָנט, פלעגט די אָרטיקע מאַכט ניט מאַכן קיין איבעריקע שוועריקייטן צום פאָרן. עס האָט זיך אָבער דאָך געפאָדערט אַ שיין פון פּאָליטישער כשרות, באַשטעטיקט פון דער היגער זשאַנדערמעריע, וועלכע פלעגט עס אַרויסגעבן נאָר דאַן, ווען 2 אָנגעזעענע בעלי=בתים פלעגן חתמענען, אַז די באַטרעפנדיקע פערזאָן איז, חלילה, ניט קיין קאָמוניסט.

געגוג סיבות האָבן אַלזאָ געשטערט דער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פון אונזער מסחר און געווערב, אָבער די יידישע ענערגיע, דער יידישער אונטערנעמונגס=גייסט האָבן דאָך דורכגעבראָכן אַלע מניעות, און שוין אין יאָר 1921 הייבט אָן ביי אונז שטאַרק אויפצובליען דער מסחר, דערגרייכנדיק אומגעוויינלעכע אומזאַצן, אַפילו לגבי דער שלום=צייט! זייער פיל האָט דערין מיטגעווירקט דער פּויליש=רוסישער שלום=אָפּמאַך, וועלכער איז געשלאָסן געוואָרן אין ריגע. הגם אין דעם דערמאָנטן שלום=אָפּמאַך זיינען נאָך די האַנדלס=באַציאונגען צווישן די ביידע לענדער ניט פעסטגעשטעלט געוואָרן, דאָך, ווי נאָר עס האָט אויפגעהערט צו עקסיסטירן דער מלחמה=צושטאַנד צווישן פּוילן און רוסלאַנד, האָבן זיך שוין אָנגעהויבן האַנדלס=באַציאונגען, האַלב לעגאַלע, האַלב אומלעגאַלע, אין וועלכע די יידישע סוחרים פון אונזער קאַנט האָבן געשפּילט ניט די לעצטע ראָלע. אינטערעסאַנט איז דערביי צו באַמערקן, אַז אין דער צייט, וואָס דער גרעסטער טייל פון די אייראָפּעאישע מלוכות און אַמעריקע האָבן געקראָגן גרויס חשק אָנצוהייבן צוריק האַנדלס=באַציאונגען מיט רוסלאַנד און געפירט וועגן דעם יאָרנלאַנגע אונטערהאַנדלונגען וועגן דעם אופן, ווי אַזוי צו שאַפן דעם סחורות=אויסטויש און האָבן נאָך אייגנטלעך עד=היום ניט איינגעשטעלט די ריכטיקע האַנדלס=באַציאונגען, האָבן די יידיש=פּוילישע סוחרים (באַזונדערס די, וואָס געפינען זיך נאָענט צו דער גרעניץ) באַוויזן שנעל אַריינצוגיין אין פאַרבינדונגען מיט רוסלאַנד און אַרויסצוואַרפן פאַר פילע מיליאַרדן מאַרק פּוילישע פאַבריקאַטן אויפן רוסישן מאַרק. די נאָענטקייט פון ביידע לענדער, די צוגעפּאַסטקייט פון דער פּוילישער אינדוסטריע צום רוסישן מאַרק, און אגב די ממש געניאַלע פלינקייט פון דעם יידישן אונטערנעמער האָבן שנעל געבראַכט דערצו, אַז דער רוסישער מאַרק איז באַלד פאַרכאַפּט געוואָרן פאַרן פּוילישן האַנדל און אינדוסטריע. דאָס וואָס עס האָבן שווער געקענט דורכפירן די וועלט=דיפּלאָמאַטן, האָבן אונזערע אחינו בני=ישראל געמאַכט איינס און צוויי...

אונזער שטאָט, געפינענדיק זיך אין אַ זייער גינסטיקער געאָגראַפישער לאַגע, אויפן שייד=וועג צווישן פּוילן, רוסלאַנד, לעטלענד און קאָוונער ליטע איז צום בעסטן צוגעפּאַסט אַלס טראַנזיט=צענטער פאַר דעם מסחר צווישן די דערמאָנטע מלוכות.

דער דאָזיקער מסחר האָט זיך שוין גוט געלאָזט פילן ביי אונז אין שטאָט די לעצטע צייט און הגם ער האָט צענגערירט נאָר אונזערע גרעסערע, אַנגראָ=פירמעס, האָט ער אָבער דאָך, דירעקט צי אומדירעקט, געווירקט אויפן גאַנצן צושטאַנד פון אונזער מסחר און געווערב, פאַרגרעסערנדיק הן די צאָל אונטערנעמונגען, הן די אומזאַצן זייערע. עס איז כדאי בלויז אַ בליק צו טאָן אויף דער פאַרגלייכונגס=טאַבעלע פאַר די יאָרן 1920 און 1921, וועלכע איך האָב אַרויסגענומען פון פינאַנס=דעפּאַרטאַמענט, אום צו איבערצייגן זיך אין דער גרויסער ווירקונג, וואָס די ניי געשאַפענע ווירטשאַפטלעכע קאָניונקטור האָט געמאַכט אויף אונזער האַנדלס=סיטואַציע. מען מוז אָבער דערביי אויפמערקזאַם מאַכן, אַז די דאַטן פון 1920 זיינען פאַרן גאַנצן יאָר, בשעת ווען די דאַטן פון 1921 זיינען בלויז פאַר 9 חדשים, ד. ה. ביזן 1=טן אָקטאָבער.

די אַלגעמיינע צאָל אונטערנעמונגען אין שטאָט און אומגעגנט:

פאַרן יאָר 1920: האַנדלס=אונטערנעמונגען — — — — 4204
אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען (פאַבריקן, וואַרשטאַטן וכדומה) — — — — 402
ס"ה — 5606

פאַרן יאָר 1921 (ביזן 1=טן אָקטאָבער):

האַנדלס=אונטערנעמונגען — — — — — — — — 6141
אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען — — — — 2698

ס"ה — 8839

אין אַלגעמיין אַלזאָ איז צוגעקומען אין שטאָט 3233 אונ=טערנעמונגען. אין דעם 1937 קאָמערציעלע און 1236 אינדו=סטריעלע.

די פאַרגרעסערונג פון די האַנדלס=אונטערנעמונגען איז פאָרגעקומען אַזוי:

| בראַנזשע | אין 1920 | אין 1921 | צוגעקומען |
|---|---|---|---|
| קאָלאָניאַל, לאחדים — — — | 1360 | 1829 | 469 |
| מאַנופאַקטור ספּעציעל— -- — | 103 | 239 | 136 |
| גאַלאַנטעריי „ — — — | 276 | 369 | 93 |
| פרוכט און סאָדע=וואַסער -- — | 74 | 165 | 91 |
| שרייב= און אינפאָרמאַציע=ביוראָ | 83 | 165 | 82 |
| רעסטאָראַנען — — — — — | 83 | 165 | 82 |
| טאַבאַק — — — — — — | 34 | 103 | 71 |
| מאַנופאַקטור געמישט מיט אַנדערע | 29 | 80 | 51 |
| פערד=האַנדל — — — — — | 8 | 58 | 50 |
| קאָלאָניאַל=אַנגראָ — — — — | 188 | 221 | 36 |
| דאַמען=היט — — — — — | 13 | 45 | 32 |
| לעדער — — — — — — | 76 | 107 | 31 |
| שיך — — — — — — — | 89 | 116 | 27 |
| וויין מיט באַקאַליי — — — | 6 | 32 | 26 |
| וואורשט — — — — — — | 8 | 31 | 23 |
| הערינג — — — — — — | 39 | 61 | 22 |
| וויין ספּעציעל — — — — | 19 | 41 | 22 |
| גאָלד, זילבער, ביזשוטעריע — | 14 | 36 | 22 |
| קאָמיסיאָן=געשעפטן — — — | 2 | 21 | 22 |
| אַייזן=געשעפטן— — — — — | 82 | 101 | 19 |
| האָלץ=צושטעלונגען — — — | — | 19 | 19 |
| אַפּטייק=געשעפטן (דראָגן) — — | 88 | 104 | 16 |
| וויין געמישט מיט אַנדערע— — | 78 | 94 | 16 |
| פאַרטיקע קליידער— — — — | 51 | 66 | 15 |
| זייגער=געשעפטן — — — — | 2 | 17 | 15 |
| פיש „ — — — — | 21 | 35 | 14 |
| עקספּעדיציע=קאָנטאָרן — — — | 16 | 29 | 13 |
| פוראַזש (היי, האָבער) — — — | 24 | 37 | 13 |
| אַקציען=געזעלשאַפטן — — — | — | 12 | 12 |
| בוי=מאַטעריאַלן ספּעציעל — — | 36 | 46 | 10 |
| טראַנספּאָרט=אונטערנעמונגען — | 1 | 8 | 7 |
| א. אז. וו. | | | |

אמת, ווי עס איז צו זען פון דער טאַבעלע, פאַרנעמט דעם גרעסטן פּלאַץ אין די צוגעקומענע געשעפטן, דער קליינהאַנדל, פונדעסטוועגן מוזן מיר אָננעמען, אַז דער מסחר בכלל האָט זיך זייער גוט אַנטוויקלט. דער קליינהאַנדל איז אויך אָפּטמאָל אַ באַ=ווייז דערפאַר, דערצו האָבן זיך די אַנגראָ=אונטערנעמונגען אויך שטאַרק פאַרגרעסערט, וואָס איז צו זען פון דער גרויסער צאָל צוגעקומענע געשעפטן אין די בראַנזשעס: מאַנופאַקטור, גאַלאַנ=טעריי, קאָלאָניאַל, וויין, לעדער וכדומה, וועלכע ווערן געפירט צוממערסטנס אין גרעסערן מאַסשטאַב און מיט היבשע אומזאַצן. מען דאַרף אויך ניט פאַרגעסן, אַז אין דעם לעצטן יאָר האָט זיך ביי אונז זייער שטאַרק אַנטוויקלט און פאַרשפּרייט דער מסחר פון די אַזוי=גערופענע „פּעקל=ברענגער"; דאָס איז דער מין סוחרים, וועלכע האָבן ניט קיין אָפענע געשעפטן, נאָר ברענגען פון מאָל צו מאָל גרעסערע סכומען סחורות און זעצן עס אָפּ ביי די היגע





הורטאָווניקעס אָדער דירעקט די ניט=היגע אורחים, פּראָווינץ=הענדלער, שמוכלער אויף רוסלאַנד וכדומה. עס וועט זיין ניט קיין גוזמא צו זאָגן, אַז די אומזאַצן פון די דערמאָנטע „פּעקל=טרע=גער" האָבן אַריבערגעשטייגט די אומזאַצן פון די שטענדיקע אָרטיקע סוחרים. באַזונדערס האָט זיך אַנטוויקלט דער דאָזיקער מסחר אין די בראַנזשעס פון מאַנופאַקטור, גאַלאַנטעריי, באַקאַליי און לעדער. ליידער האָבן מיר ניט אפילו קיין אומגעפערע דאַטן וועגן דער דערמאָנטער קאַטעגאָריע סוחרים, ווייל אַלס ניט רע=גיסטרירטע סוחרים זיינען זיי ניט אַריין אין דער אַלגעמיינער רשימה פון די שטייער=צאָלער, דאָך איז זיכער, אַז הן זייער צאָל הן זייערע אומזאַצן זיינען געווען גאָר היבשע.

אַלס איינער פון די איבערצייגנדיקע סימנים פון דער אויפ=בליאונג פון אונזער מסחר קען דינען דער פאַקט, וואָס פאַר דעם דערמאָנטן יאָר האָט זיך מער ווי פאַרטאָפּלט די צאָל פון די עקס=פּעדיציע=קאָנטאָרן, וואָס דאָס שטייט אין אַ ענגן צוזאַמענהאַנג מיט דער אַנטוויקלונג און פאַרגרעסערונג פון מסחר אין שטאָט בכלל. אויסערדעם, וואָס דער סכום זייערער לגבי יאָר 1920 האָט זיך מער ווי פאַרטאָפּלט, זיינען אויך די אומזאַצן זייערע געשטיגן ניט אין דער ערך קעגן פאָריקן יאָר*).

דער צושטאַנד פון דעם מסחר אין ווילנע פאַר דעם דער=מאָנטן פּעריאָד וואָלט אייגנטלעך געקענט פאַרצייכנט ווערן אַלס באַפרידעוודיק, ווען ניט איין גרויסע צרה, וועלכע האָט געבראַכט דערצו, אַז די אַלע אָנשטרענגונגען פון ווילנער האַנדלס=קלאַס זיינען געבליבן כמעט ווי נוצלאָז און אַלע פּרנסות זיינע האָבן זיך אַ־ויסגעוויזן פאַר אילוזאָרישע. די צרה איז באַשטאַנען אין דער ניט שטאַנדהאַפטיקייט פון דער פּוילישער וואַליוטע. אום צו דערקלערן די זאַך גענויער, שאַדט ניט אַ ביסל אַגב אורחא אָפּצו=שטעלן זיך ספּעציעל אויף דער וואַליוטע=פראַגע בפרט און איר צוזאַמענהאַנג מיטן מסחר בכלל.

## II. וואַליוטע.

ווי באַקאַנט האָט דער אַלגעמיינער מסחר ביז דער מלחמה קיינמאָל זיך ניט אינטערעסירט מיט דער וואַליוטע=פראַגע. די וואַליוטע=פראַגע איז געווען נאָך פון קדמונים אָן אַ ענין נאָר פאַר ספּעציאַליסטן: בענק, קאָנטאָרן, סוחרים, וועלכע האַנדלען מיט אויסלאַנד, דאָס זיינען געווען די אינסטיטוציעס און פּער=אָ=נען, וועלכע פלעגן האָבן אַ אינטערעס אין דעם צושטאַנד און ווערט פון פאַרשיידענע מינים געלט. גאַנץ אַנדערש איז געוואָרן די לאַגע אין דער צייט פון דער מלחמה. שוין גלייך פון דעם מאָמענט אָן, ווי דייטשלאַנד האָט אָקופּירט אונזער קאַנט און פּוילן, איז שוין די וואַליוטע=פראַגע געוואָרן אַ לעבנס=אינטערעס פון דער מסחר=וועלט. צוזאַמען מיט די דייטשע חיילות איז אונזער געגנט אויך מיט אַמאָל פאַרפלייצט געוואָרן מיט פאַרשיידענע מינים געלטער. אויסער די פריערדיקע רוסישע צאַרישע געלטער האָבן זיך גענומען באַווייזן דייטשע מאַרקן און עסטרייכישע קראָנען. שפּעטער שוין, ווען אַדאַנק די פּאָליטישע געשעענישן אין רוסלאַנד האָבן גענומען אויפוואַקסן, אויף די חורבות פון אַמאָליקן רוסלאַנד, אַ גאַנצע ריי מלוכות און מלוכהלעך, האָבן זיך אויסער די דערמאָנטע פרעמדע וואַליוטעס, זיך גענומען באַ=ווייזן פּוילישע מאַרקן, ליטווישע אָסטן, לאַטווישע רובלס, אוק=ראַינישע „קאַרבן" וכדומה. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס האָט

*) גענויער וועגן די עקספּעדיציע=קאָנטאָרן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

געמוזט אַרויסרופן אין לעבן אַ ספּעציעלן געלט=מסחר, ד. ה. אַזאַ שיכט סוחרים, וועלכע פאַרנעמען זיך ספּעציעל מיטן בייטן געלט. אַזעלכע שטעט, ווי. ווילנע, גראָדנע, ביאַליסטאָק, וועלכע פלעגן ניט האָבן קיין אייגענע אָפיציעלע בערזעס, פלעגן זיך, ביים איינשטעלן די פרייזן אויף פאַרשיידענע וואַליוטעס, רעכענען מיט די פרייזן, וואָס די וואַרשעווער און די אויסלענדישע בערזעס פלעגן נאָטירן. די גאַנצע ספּעקולאַציע איז באַשטאַנען אין דעם, אַז וואָס ווייטער אַ שטאָט האָט זיך געפונען פון אַ בערזע=צענטער, אַלץ גרעסער איז געווען די דיפערענץ פון ווירקלעכן פרייז צו דעם פרייז, וועלכן מען האָט געצאָלט אויף די ערטער פאַר דער אָדער יענער אויסלענדישער וואַליוטע.

עס דאַרף נאָך באַזונדערס דערמאָנט ווערן, אַז אין דער צייט פון די דייטשן זיינען אַלע שטעט פון ליטע געווען איזאָלירט איינע פון דער צווייטער. אום צו פאָרן פון איין שטאָט אין דער צווייטער, האָט מען געדאַרפט האָבן ספּעציעלע רייזע=שיינען און אָט די רייזע=שיינען פלעגן אויך באַקומען נאָר געציילטע מענטשן. דאָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט די געלט=הענדלער, וועלכע זיינען געווען באַזאָרגט מיט די רייזע=שיינען, איינצוקויפן אויף די ערטער פאַרשיידענע וואַליוטעס אויף ביליגע פרייזן און צו פאַרקויפן זיי אין ביאַליסטאָק אָדער וואַרשע מיט אַ גאַנץ היבשן רווח. ווער רעדט נאָך וועגן די גרויסע „מאַכערס", וועלכע האָבן געהאַט די מעגלעכקייט אָפּצוזעצן זייערע קניות אין אויסלאַנד, זיי האָבן געוויס דערביי אָפּגעלעקט זייער אַ פעט ביינדל...

דער געלט=מסחר האָט אָבער מיט דער צייט אָנגענומען זייער העסלעכע פאָרמען, ווייל אויסער די דערמאָנטע געלט=שמוכלערס האָבן זיך ביי אונז אויסגעבילדעט גרויסע קאַטעגאָריעס לופט=מענטשן, וועלכע פלעגן ממש פאַרפלייצן געוויסע גאַסן בילדנדיק ספּעציעלע גאַסן=בערזעס, וואו דער געלט=מסחר קומט פאָר אָפן אויף דער גאַס. די ערשיינונג איז געווען ניט קיין לאָקאַלע, נאָר אַן אַלגעמיינע. אַזוי למשל איז געווען אין ווילנע אויפן ראָג זאַוואַלנע און סטעפּן=גאַס, אין וואַרשע אויף פּלאַץ באַנקאָווי, אין ביאַליסטאָק אויף קופּיעצקע גאַס, אין גראָדנע אויף סאָבאָרנע גאַס וכדומה. דאָרט פלעגט מען שטענדיק געקענט באַגעגענען מאַסן פון אונזערע לופט=מענטשן, וועלכע האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם אַרט מסחר ווי אָן אַ הייסן שטיין. ניט קיין וואונדער! די מלחמה און די אָקופּאַציעס האָבן אַרויסגעשטויסן דעם גרעסטן טייל פון די יידישע קיבוצים פון זייערע אַלטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, אַלץ איז חרוב געוואָרן, און דער עולם איז געווען געצוואונגען צו כאַפּן זיך צו די צווייפלהאַפטסטע באַשעפטיקונגען, אַבי נאָר איבערצוקומען ווי עס איז די שווערע צייט.

דער צו גוזמאדיק פאַרשפרייטער וואַליוטע=האַנדל האָט זייער פיל געווירקט, אַז די פרייזן פון געוויסע מינים געלטער האָבן זיך גענומען זייער שטאַרק וואַקלען און באַזונדערס דאָס געלט פון יענע מלוכות, וואָס זייער עקסיסטענץ אָדער וועמעס גרעניצן זיינען נאָך ניט געווען זיכער. און אַ באַזונדערס אומגינסטיקער לאַגע האָט זיך אין דער הינזיכט איינגעפונען די פוילישע וואַליוטע צוליב די פאָלגנדיקע טעמים: ערשטנס איז דער מלוכה פוילן אויסגעקומען לענגער פון אַלע מלוכות צו פירן מלחמות, און דאָס האָט במילא אַרויסגערופן אַ געוויסע פאַרשלעפּונג אין דער נאָרמאַליזירונג פון איר ווירטשאַפט און מסחר. נאָך אין דעם איצטיקן מאָמענט זיינען ניט פעסט באַשטימט אירע גרעניצן, און די סיכסוכים וועגן אייבערשלעזיע, ליטע און מזרח=גאַליציע זיינען נאָך ניט איינגאַנצן ערליידיקט. אַלס אַ לאַנד פון אַ גאַנץ היבשן שטח (מיט לערך 30 מיליאָן איינוואוינער), וועלכעס דאַרף זיך נאָך ערשט נעמען אויפבויען און איינשטעלן זיין ווירטשאַפט, מוז פוילן נאָך אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס אָנקומען צו אויסלענדישן קאַפּיטאַל און אויסלענדישע סחורות. די אַדמיניסטראַטיווע פאַרוואַלטונג פון די



גרויסע ראַנד=געגנטן פאָדערט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, די אויסהאַלטונג דורך דער מלוכה גרויסע אַרמייען און גרויסע שטאַטן באַאַמטע. די שטאָט=פאַרוואַלטונגען פון פוילן און פון אירע ראַנד=געביטן, וועלכע האָבן אין זייערע שטאָטישע ווירטשאַפטן קאָלאָסאַלע דעפיציטן, מוזן אויך טיילווייז אויסגעהאַלטן ווערן דורך דער צענטראַלער רעגירונג.

דער מלוכה=אַפּאַראַט פון פוילן איז נאָך צו יונג און ניי, ער זאָל שוין זיין אומשטאַנד צו שאַפן די ריכטיקע גלייכגעוויכט אין דעם מלוכה=ביודזשעט. עס וועט נאָך משמעות לאַנג אויסקומען צו וואַרטן ביז די מלוכה=הכנסות וועלן קענען דעקן די גראַנדיאָזע הוצאות, וועלכע דאָס לאַנד דאַרף האָבן אין דעם פּראָצעס פון זיין אויפבויאונג.

ניט קיין קליינעם אָרט אין דער אַנטוואורטונג פון דער פוילישער וואַליוטע פאַרנעמט אויך דער פאַקט, וואָס עס ווערט געפירט אַ סיסטעמאַטישער קאַמף מיט דער יידישער באַפעלקערונג. די אויסראָטונגס=פּאָליטיק בנוגע צו דעם ענערגישסטן און אונטערנעמונגס=לוסטיקסטן טייל פון לאַנד האָט אויך צוזאַמען מיט די אויבנדערמאָנטע סיבות געבראַכט דערצו, אַז די פוילישע וואַליוטע איז געוואָרן דער גרעסטער אָביעקט פון דעם אַלוועלטלעכן בערזע=שפּיל...

די פוילישע רעגירונג, זייענדיק געצוואונגען דורך דער דרוק=מאַשין צו דעקן אירע קאָלאָסאַלע דעפיציטן, האָט כסדר פאַרגרעסערט די געלט=עמיסיע, שאַפנדיק פאַר די מלוכה=פינאַנסן אַ פאַרכישופטן קרייז, פון וועלכן עס איז ניט געווען צו זען קיין אויסוועג. וואָס מערער עס ווערט געדרוקט געלט, דעסטאָ קלענער איז זייער ווערט, וואָס קלענער עס איז דער ווערט פון דעם געלט, אַלץ מערער מוז מען אים דרוקן אום צו קענען אויסהאַלטן דעם מלוכה=אַפּאַראַט... די אַרטיקלען פון ערשטן געברויך שטייגן אומגעהויער און במילא דאַרף מען צאָלן גרעסערע שכירות די אַרבעטער און מלוכה=באַאַמטע...

צו וואָסערע אַבסורדן עס איז דערגאַנגען די פוילישע געלט=סיסטעם איז צו זען דערפון, וואָס אין יאָר 1919, ווען די פּאָליאַקן האָבן פאַרנומען ווילנע, איז דער קורס פון אַ אַמעריקאַנער דאָלאַר געווען 15 פוילישע מאַרקן און אין סעפּטעמבער 1921 איז שוין דער קורס דערגאַנגען ביז איבער 7000.

די בעסטע פוילישע פינאַנסיסטן האָבן גענוג געבראָכן דעם קאָפּ, ווי צו מאַכן אַן ענדע צו דער וואַליוטע=וואַקכאַנאַליע, אָבער ליידער איז נאָך אין דער הינזיכט ווייניק וואָס אויפגעטאָן געוואָרן. די לעצטע צייט אָבער, ד. ה. אין חודש אָקטאָבער 1921, ווען די אָנפירונג פון די פוילישע מלוכה=פינאַנסן האָט איבערגענומען דער באַוואוסטער פינאַנסיסט ד"ר מיכאַלסקי, האָט מען יאָ עפּעס אָנגעהויבן צו טאָן, כדי צו לייזן די פאַרפלאָנטערטע פינאַנס=פראַגע, וועלכע האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן אין געפאַר די עקסיסטענץ פון דער פוילישער מלוכה. די רעפאָרם איז באַשטאַנען אין פאָלגנדיקע פונקטן: 1) אַרויסגעבן קאָנצעסיעס אויף די מלוכה=אונטערנעמונגען, וועלכע טראָגן היזק. 2) קלענער מאַכן ווי ווייט מעגלעך די הוצאות, פאַרמאַכנדיק אַ סך, ניט זייער נייטיקע, מלוכה=אַמטן און קאַנצעלאַריעס. 3) אַרויפלייגן אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג אַ איינמאָליקן גרויסן אָפּצאָל (דאַנינע), וועלכע דאַרף אַריינטראָגן אין דער מלוכה=קאַסע ביז 10 מיליאַרד מאַרק. 4) איינפירן אַ שטרענגע קאָנטראָלע איבער די בייט=קאַנטאָרן און בענק און איינפירן אַ געזעץ, אַז זיי האָבן קיין רעכט ניט צו פאַרקויפן קיין פרעמדע וואַליוטעס די פּערזאָנען, וועלכע קויפן עס צוליב ספּעקוליאַטיווע צוועקן און 5) שאַפן אַ ספּעציעלע עמיסיע=באַנק.

צי וועלן די אַלע דערמאָנטע רעפאָרמען האָבן אַ שייכות אויך צו אונזער „מיטל=ליטווישער מלוכה", וועלכע געפינט זיך

אין אַ זייער ענגן קאָנטאַקט מיט פוילן, איז נאָך פאָרלויפיק אומבאַוואוסט. נאָר די רעפאָרם בנוגע די בייט־קאָנטאָרן איז שוין דורכגעפירט געוואָרן אויך ביי אונז. אונזער דירעקטאָר פון פינאַנס־דעפּאַרטאַמענט האָט דורך אַ ספּעציעלן דעקרעט באַשטימט 6 בענק און 7 פּריוואַטע קאָנטאָרן, וואָס האָבן רעכט זיך צו פאַרנעמען מיט קויפן און פאַרקויפן אויסלענדישע וואַליוטע.

צי די אויבנדערמאָנטע רעפאָרמען, צי גראָד ווייל אין דערזעלביקער צייט איז באַוואוסט געוואָרן דער באַשלוס פון העכסטן ראַט פון דער פעלקער־ליגע אין דעם ענין אייבער־שלעזיע, וועלכער איז געווען זייער גינסטיק פאַר פוילן, נאָר אַ פאַקט איז דאָך, אַז צו דער צייט האָט זיך די פוילישע וואַליוטע גענומען שטאַרק פאַרבעסערן, אַזוי ווייט, אַז דער אַמעריקאַנער דאָלאַר איז אין חודש נאָוועמבער געפאַלן צוריק ביז 4000 מאַרק און ביי היינטיקן טאָג, ענדע דעצעמבער, איז ער דערגאַנגען ביז 2700 מאַרק. צוזאַמען מיטן דאָלאַר, זיינען, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געפאַלן אַלע איבעריקע אויסלענדישע וואַליוטעס, נאָר די גרעסטע ירידה איז באַשערט געווען דעם דייטשן מאַרק, וועלכער איז פון 62—65 אין חודש סעפּטעמבער אַראָפּגעגאַנגען אין נאָוועמבער—דעצעמבער ביז 15—17 פוילישע מאַרק.

---

## III. דער צושטאַנד פון מסחר אין צוזאַמענהאַנג מיט דער וואַליוטע־וואַקלעניש.

די וואַקלענישן פון דער פוילישער וואַליוטע און איר שטענדיקע ירידה פלעגט זיך גליין אָפּרופן אויף דעם צושטאַנד פון די מקחים פון אַלע מינים סחורות. פוילן באַזיצט צו ווייניק רויוואַרג און קוילן, אום צו קענען פירן איר אינדוסטריע מיט אייגענע כוחות. אַזוי, למשל, וואָלט די גרויסע לאָדזער טעקסטיל־אינדוסטריע, וועלכע האָט זיך גר״ד לעצטנס ניט שלעכט אָפּגעבויט, בשום אופן זיך ניט געקענט צוריקשטעלן אויף די פיס אָן דער שטאַרקער ניטהילף פון אויסלענדישן קאַפּיטאַל און אויסלענדישן רויוואַרג. דאָסזעלבע איז אויך מיט די איבעריקע צווייגן פון דער אינדוסטריע, וועלכע זיינען אַלע אינגאַנצן געווען אָנגעוויזן אויף אויסלאַנד. מיט דער עליה פון דער אויסלענדישער וואַליוטע לגבי דער פוילישער פלעגן אויך גלייכצייטיק שטייגן די פאַבריקאַטן. אַגב איז ביזן מיטן פון יאָר 1921*) דער פוילישער האַנדלסמאַרק געווען פאַרפלייצט מיט אויסלענדישע סחורות, די פרייזן פון וועלכע עס פלעגן וואַקסן צוזאַמען מיט דער אויסלענדישער וואַליוטע. די פרייזן פון די אויסלענדישע אַרטיקלען פלעגן שנעל אַריינוואַקסן אין דער העל אַריין, אַזוי ווייט, אַז עס פלעגט אָפּטמאָל אויסקומען אַ סך טייערער פון די אָרטיקע אויסאַרבעטונגען. עס זיינען זאָגאַר געווען אַ סך פאַלן, ווען די וואַרשעווער אַנגראָ־פירמעס, וועלכע האָבן געמאַכט גרויסע באַשטעלונגען ביי די אויסלענדישע פאַבריקאַנטן, געבנדיק דערביי אַ היבשן אויפגאָב, זיינען געצוואונגען געווען אָפּצוזאָגן זיך פון די באַשטעלונגען, פאַרלירנדיק דערביי דאָס געגעבענע האַנטגעלט, ווייל דער היזק ביי דער טראַנזאַקציע פלעגט אַריבערשטייגן די סומע פון דעם איינגעצאָלטן אויפגאָב.

אויף דעם היגן (ווילנער) פלאַץ וואָלט נאָך די שטייגערונג אייגנטלעך צו קיין גרויסע אומגליקן ניט געבראַכט: ממה־נפשך—

קאָסט טייערער, וועט מען נעמען טייערער. אַזוי צו מיינען וואָלט אָבער געווען נאָר פון אויבנאויף ריכטיק. אין דער אמתן אָבער פלעגט אויסקומען, אַז אַ סוחר, וועלכער פלעגט, למשל, אַריינטאָן זיין קאַפּיטאַל אין טויזנט שטיקלעך סחורה, האָט נאָכן פאַרקויפן זיי מיט „געשמאַקער פרנסה" אָפּגעקויפט פאַר זיין געלט בלויז 800 שטיקלעך און, פאַרקויפנדיק די 800 מיט ריווח, אָפּקויפן 600 א. אַ. וו.

דער רעזולטאַט וואָלט געווען זייער אַ טרויעריקער. נאָך די אַלע גרויסע אומזאַצן און גוטע „פאַרדינסטן" וואָלט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די סוחרים בלייבן ביי פּוסטע פּאָליצעס...

אויף דער אומגעהייערער עליה פון די מקחים האָט אויך מיטגעווירקט דאָס, וואָס דער ברייטער עולם, ניט האָבנדיק קיין צוטרוי צו דער פוילישער וואַליוטע בפרט און צו געלט בכלל, האָט זיך מאַסנווייז גענומען צו פאַרטאָן די פרייע קאַפּיטאַלן (ס'רוב אַמעריקאַנער צוגעשיקטע געלט) אין פאַרשיידענע „פעקלעך" סחורה. באַזונדערס האָט זיך דאָס געלאָזט פילן אין דער מאַנופאַקטור־גאַלאַנטעריי־דראָגן־ און לעדער־בראַנזשעס. ווער עס האָט נאָר געהאַט ליגן אַ ביסל געלט, האָט זיך שוין געפלייסט צו באַזאָרגן מיט אַ פעקל סחורה. דאָס איז געווען אַ מין אַסעקורירונג פון דעם געלט, אַז עס זאָל ניט פאַרלירן זיין ווערט...

דער פועל־יוצא פון דערדאָזיקער ערשיינונג איז געווען, אַז אין יעטווידער בראַנזשע האָבן מיט אַמאָל אויפגעשפּראָצט גאַנצע רייען ניי פריש־געבאַקענע סוחרים, וועלכע פלעגן קויפן וואָס מען קען, און צאָלן וואָס מען בעט, האָפנדיק, אַז אַלץ איינס וועט דער מקח אַרויפוואַקסן, וואָס מען זאָל ניט קויפן און וויפיל מען זאָל ניט צאָלן. די גאַנצע שטאָט איז פול געווען מיט „פעקלעך". יעדע גאַס, אין יעדן הויז, אויף ביידימער, אין די קעלערס..... מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ שרעקלעכער יקרות עס איז געוואָרן אויף סחורה אַדאַנק דעם אומגעהייערן צוּוואַקס פון דעם מין „סוחרים".

די טייערקייט פון אַלע אַרטיקלען האָט דערגרייכט צו אַזאַ גראַד, אַז אום צו קענען פירן אַ וועלכן עס איז נאָרמאַלן אָפּגעעם געשעפט האָט מען שוין געדאַרפט האָבן גרויסע מיליאָנען... און דאָ זעען מיר טאַקע, ווי דער גרעסטער טייל פון די שטענדיקע סוחרים פאַרלירן די מעגלעכקייט צו פירן אַליין זייערע געשעפטן און ווערן געצוואונגען צו פאַרבינדן זיך אין שותפות מיט נאָך איינעם אָדער עטלעכע, אום צו קענען ווי עס איז עקסיסטירן.

אין 1920 — 1921 איז באַזונדערס צו פאַרצייכענען דעם וואוקס פון פאַרשיידענע שותפותדיקע אונטערנעמונגען. זעלטן ווען מען באַגעגנט אַ געשעפט, וואָס זאָל אויסגעהאַלטן ווערן דורך איין סוחר. און אויב זאָגאַר די פירמע פיגורירט פאָרמעל נאָר אויף איין נאָמען, איז נאָך קיין ראַיה ניט, אַז פון הינטן שטעקן ניט אין דער אונטערנעמונג איינער צי עטלעכע „שטילע שותפים".

די דערמאָנטע שותפות־סיסטעם האָט אין אַ געוויסער מאָס פאַרהיט אונזער קויפמאַנשאַפט פון אונטערגאַנג, זי וואָלט אָבער פאָרט ניט געקענט אינגאַנצן ראַטעווען דעם סוחרים־שטאַנד פון דער קאַטאַסטראָפע, וועלכע האָט אים געדראָט אַדאַנק דער אומגעהייערער ספּעקולאַטיווער פרייזן־וואַקלאַנאַליע, ווען ניט די הילף מן הצד. ניט קיין קליינער טייל פון אונזערע סוחרים האָבן זיך געווענדט צו זייערע קרובים אין אַמעריקע נאָך הילף, אָן וועלכער זיי וואָלטן געוויס רואינירט געוואָרן...

זייער פיל מיטגעהאָלפן דעם היגן יידישן סוחר איינצוהאַלטן ווי עס איז זיינע פּאָזיציעס האָבן אויך די עקספּעדיציע־קאָנטאָרן.

פאַר דער מלחמה האָט דער דאָזיקער מין קאָנטאָרן ניט געשפּילט קיין איבעריקס וויכטיקע ראָלע אין אונזער מסחר. גענוג צו זאָגן, אַז אין אַזאַ גרויסן האַנדלס־צענטער ווי ווילנע האָבן אינגאַנצן עקסיסטירט 2 קאַנטאָרן פון דעם מין: 1) די אָפּטיילונג

*) פון דעם דערמאָנטן טערמין אָן איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ גרויסער אָפּצאָל פאַר אויסלענדישע סחורות, כדי מיטצוהעלפן דער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פון דער אייגענער פוילישער אינדוסטריע.

פון דער רוסישער טראַנספּאָרט=געזעלשאַפט און 2) די אָפּטיילונג פון דער אַלרוסישער פירמע „באַדיעזשדאַ". די לעצטע איז אייניקע יאָר פאַר דער מלחמה ליקווידירט געוואָרן. און אַזוי=אַרום איז דאַן געבליבן נאָר איין עקספּעדיציע=קאָנטאָר אין ווילנע מיט אירע פולע פאַבריקן און געשעפטן, וועלכע פלעגן מאַכן קאָלאָסאַלע טראַנזאַקציעס אין אומענדלעכן רוסלאַנד, סיביר, קאַווקאַז, באַלטישן קאַנט וכדומה.

ווי עס איז צו זעען פון דער אויבנדערמאָנטער טאַבעלע פון די ווילנער אונטערנעמונגען, זיינען אין ווילנע ביז צום 1 אָקטאָבער געווען טעטיק גאַנצע 29 עקספּעדיציע=קאָנטאָרן, דער גרעסטער טייל פון וועלכע עס מאַכן קאָלאָסאַלע אומזאַצן.

עס איז אינטערעסאַנט די געשיכטע פון דעם אַרט געשעפט, וועלכער האָט זיך אַזוי גרויס און ברייט פאַרצווייגט דאָ ביי אונז און אין פוילן פאַר די לעצטע יאָרן.

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס דערפון, וואָס אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע פלעגן נאָר יחידי=סגולה האָבן אַ צוטריט צו דער באַן=סטאַנציע. דאָסגלייכן אויך מיט דער פראַכט=סטאַנציע פלעגן קענען האָבן אַ מגע=ומשא נאָר די יעניקע עקספּעדיטאָרן, וועלכע זיינען געווען „בלאַט" מיט דעם דייטשן באַן=באַאַמטן. אין יעדער שטאָט האָט זיך אַזוי אַרום געבילדעט אַ קליינע גרופּע עקספּעדיטאָרן, וואָס דורך זייער „זכות" פלעגט מען קענען אַרויסשיקן אָדער אָפּנעמען מיט דער באַן סחורה. אָן די דאָזיקע יחידי=סגולה פלעגט מען ניט קענען ניט אָפּשיקן, ניט אָפּנעמען, ווייל אַלץ איז דאַן געווען „טרייף".

דער סוחרישער עולם האָט זיך שוין אַזוי=אַרום צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז עקספּעדיציע איז אַ „טרייפער ענין", צו וועלכן מען דאַרף האָבן אַ „מאַכער", אַ ספּעציאַליסט — און אפילו דאַן, ווען די פּאָליאַקן האָבן איבערגענומען די ממשלה ביי אונז, האָט מען נאָך אַלץ געמיינט, אַז מען דאַרף אָנקומען צו די „מאַכערס", ניט קוקנדיק אויף דער לפי=ערך פרייער קאָמוניקאַציע און עקספּעדיציע אונטער די פּאָליאַקן.

אָט אין דעם פּעריאָד פון דער פּוילישער ממשלה האָבן זיך גענומען אַנטוויקלען די עקספּעדיציע=קאָנטאָרן, וועלכע פלעגן איבערנעמען אויף זיך די עקספּעדיציע פון איין שטאָט אין דער צווייטער, געבנדיק דעם קליענט די גאַראַנטיע פאַר דער גאַנצקייט פון באַטרעף. דער עיקר פאַרן סוחר איז אָבער געווען, וואָס די קאָנטאָרן פלעגן זיך אָננעמען צו פירן די סחורה פער באַגאַזש, וואָס עס איז אגב געווען ניט גאַנץ „כשר". געוויינטלעך פלעגן די קאָנטאָרן דערביי גאַנץ געשמאַק פאַרדינען. עס איז רעכט, אַז אין דער ערשטער צייט פלעגן זיי זיך ניט שעמען צו נעמען גאַנצע 10—15 פּראָצענט פון באַטרעף און ביי זייערע גרויסע אומזאַצן פלעגן זיי מאַכן אומגעהייערע פאַרמעגנס ביי דעם עסק. מיט דער צייט האָבן זיך אַ סך סוחרים מתקנא געווען און אַליין געעפנט עקספּעדיציע=קאָנטאָרן, שאַפנדיק דערמיט אַ קאָנקורענץ די פריערדיקע עקספּעדיטאָרן. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אַז די קאָנטאָרן, יאָגנדיק זיך נאָך קונדשאַפט, האָבן אָנגעהויבן אויסצולייען די סוחרים געלט אויף די געקויפטע סחורות. די עקספּעדיציע=קאָנטאָרן האָבן זיך צוליב די דערמאָנטע אומשטאַנדן ביסלעכווייז גענומען פאַרוואַנדלען אין באַנק=געשעפטן. אַ סך פון די קאָנטאָרן, וועלכע האָבן זיך באַוויזן גוט אַרויפצואַרבעטן, האָבן גענומען באַקומען גרויסע קרעדיטן ביי די פאַבריקאַנטן און סוחרים און, אָנשטאָט אויסצולייגן פאַר די קונדן געלט, איז שוין געווען גענוג, ווען זיי פלעגן אַרויסגעבן די פאַבריקאַנטן און אַנגראָסיסטן צעטלען אָדער וועקסלען אויף צו באַצאָלן אין אַ געוויסן טערמין.

די דאָזיקע טראַנזאַקציעס פון די עקספּעדיטאָרן האָבן זייער פיל מיטגעווירקט צום אויפבליען פון אונזער מסחר און א״ב געגעבן אונזער סוחרים=שטאַנד די מעגלעכקייט איינצוהאַלטן זיינע





פּאָזיציעס, וועלכע ער וואָלט בשום אופן ניט געקענט באַהערשן, ווען אים וואָלט אויסגעקומען צו אַרבעטן מיטן אייגענעם קאַפּיטאַל, וואָס האָט פון טאָג צו טאָג פאַרלאָרן זיין ווערט צוליב דער אַנטווערטונג פון דער פּוילישער וואַליוטע. אויסערדעם, וואָס דער סוחר האָט זיך באַנוצט מיטן קרעדיט פון די עקספּעדיציע=קאָנטאָרן, האָט ער אויך פּראָפיטירט דערפון, וואָס די שטייגערונג פון די פּרייזן, וועלכע עס איז פאָרגעקומען פאַר דער צייט, ביז ער פלעגט דעם חוב באַצאָלן, איז געווען אינגאַנצן זיין ריווח.

יעדנפאַלס מוז מען קאָנסטאַטירן, אַז ניט קוקנדיק אויף די דערמאָנטע גוטע מאָמענטן פון מסחר, איז דעם סוחר דאָך ניט קיין סך געבליבן ריינער פּראָפיט, צוליב דער אומגעהייערער עליה פון די פּרייזן אויף אַלע אַרטיקלען, וועלכע פלעגן ס'רוב איינשלינגען דעם גאַנצן ריווח און זאָגאַר אַ טייל פון קרן. מען דאַרף אויך אגב דערמאָנען וועגן דעם אומגעהייער גרויסן שטייער=אָפּצאָל, מיט וועלכן דער ווילנער מסחר און אינדוסטריע איז געווען באַלעסטיקט. דער דאָזיקער שטייער=אָפּצאָל האָט אין אונזער קאַנט באַטראָפן 5—6 מאָל אַזוי פיל ווי אין קאָנגרעס=פוילן! גאַנץ קאָנגרעס=פוילן האָט פאַרן יאָר 1920 באַצאָלט שטייער פאַר האַנדל און אינדוסטריע 165 מיליאָן*), בשעת ווען ווילנער קאַנט, וואָס מאַכט אויס לויט זיין באַפעלקערונג אומגעפער אַ 25=סט חלק, האָט באַצאָלט איבער 40 מיליאָן מאַרק בלויזע מלוכה=שטייערן, אחוץ שטאָטישע איבער 20 מיליאָן מאַרק. ווען מען זאָל שוין אפילו נעמען אין אַכט, אַז אין קאָנגרעס=פוילן איז דער שטייער פון די אַקציענגעזעלשאַפטן און בענק ניט אַריינגענמען געוואָרן אין די 165 מיליאָן, וועט אַלץ אויסקומען, אַז ווילנע האָט באַצאָלט לגבי קאָנגרעס=פוילן אַ סך מערער, ווייל אונזערע ווילנער אַקציענגעזעלשאַפטן, וועלכע זיינען אין זייער צאָל זייער ווינציק, וואָלטן ניט מאַכן קיין גרויסע ווירקונג אויף דער אַלגעמיינער שטייער=סומע, ווען מען זאָל זיי אויסטיילן באַזונדער.

לויט די ידיעות, וואָס באַקומען זיך פון די שטייער=קאָמיסיעס ביים פינאַנס=דעפּאַרטאַמענט, דאַרפן די שטייערן פון יאָר 1921 זיין אומגעפער פון 6—ביז 8 מאָל גרעסער ווי פאַרן יאָר 1920, וואָס דער גרעסטער טייל פון אונזערע סוחרים וועלן גאָר ניט זיין בכוח אַריבערצוטראָגן און וועלן באַשטימט געצוואונגען זיין צו ליקווידירן די געשעפטן.

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז דער פּערמאַנענטער קריזיס אין אונזער מסחר האָט ניט אַזוי צו פאַרדאַנקען דעם פאַלן פון דער פּוילישער וואַליוטע, ווי איר אומשטאַנדהאַפטיקייט און איר וואַקלעניש. אַזוי, למשל, האָט די לעצטע צייט, סוף 1921, ווען די פּוילישע וואַליוטע האָט זיך פּלוצלונג שטאַרק געהויבן (פון באַלד 7000 מאַרק איז דער דאָלאַר געפאַלן אין דעצעמבער ביז 2700 מאַרק) מיטגעבראַכט אַ קאַטאַסטראָפאַלן קריזיס אין האַנדל און אינדוסטריע. די האַסטיקע עליה פון דעם פּוילישן מאַרק האָט מיטגעבראַכט אַ האַסטיקע ירידה פון די פּרייזן אויף אַלע סחורות=פאַבריקאַטן, בשעת ווען די פּרייזן פון לעבנסמיטלען זיינען געבליבן כמעט ביים אַלטן צושטאַנד. די פאַבריקאַנטן האָבן ניט די מעגלעכקייט אַראָפּצולאָזן פון די פּרייזן לויט דער ירידה פון דער וואַלוטע. די פּרייזן זיינען אָבער דאָך שטאַרק געפאַלן, אַדאַנק דער מהומה, וועלכע איז געוואָרן צוליב דער ענדערונג פון די וואַליוטע=פאַרהעלטעניש. די אַלע זייטיקע „פּעקל=סוחרים" האָבן אין שרעק גענומען אויספאַרקויפן זייערע פּעקלעך אויס מורא, אַז די פּרייזן זאָלן נאָך מערער ניט פאַלן. דער קונה, פאַרקערט, האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון קויפן, וואַרטנדיק אויף נאָך גרעסערע מציאות. דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַזאַ לאַגע, ביי וועלכער די פאַבריקאַנטן האָבן געמוזט טיילווייז אָדער אינגאַנצן

*) זע די וואַרשעווער „זשעטשפּאָספּאָליטאַ" №287 אַרטיקל „דאַנינאַ".

אָפּהאַלטן זייער פּראָדוקציע. מיט וואָס דער קריזיס וועט זיך ענדיקן איז נאָך לעת־עתה ניט באַוואוסט — אָבער קלאָר איז דאָך, אַז אַזוי לאַנג ווי עס וועט עקסיסטירן די באַוועגלעכקייט פון דער פּוילישער וואַליוטע, וועט אונזער מסחר און אינדוסטריע שטענדיק זיין פאַראורטיילט איבערצולעבן אַזוינע קאַטאַסטראָפעס.

אויסער די אַרטיקלען פון דער פּוילישער און היגער אינדוסטריע, ווערט ווילנער קאַנט ביסלעכווייז אַ טראַנזיט־פּונקט פון מסחר צווישן אויסלאַנד מיט רוסלאַנד. עס איז זאָגאַר אין פּראָיעקט אַיינצופירן אין ווילנע פּאָרטאָ—פראַנקאָ פאַר דעם דערמאָנטן מסחר.

פון דעם היגן פּלאַץ איז עקספּאָרטירט געוואָרן קיין אויסלאַנד פאַר דעם משך פון דעם דערמאָנטן פּעריאָד: לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרטיקלען, האָלץ, ברעטער, שנאַפּס, לעדער, פּאַפּיראָסן, קאָנפעקטן, זייף, סאַכאַרין, גלאָז, פלאַקס, חזיר־האָר, וואַקס, כעמישע פּראָדוקטן, זוימען, האָניק א. אַ. וו.

---

## מלאכה און אינדוסטריע.

גלייכצייטיק מיט דער אויפלעבונג פון אונזער מסחר איז אויך צו פאַרצייכענען די לפי־ערכדיקע אויפלעבונג פון אונזער מלאכה און בכלל אינדוסטריע. עס ווערן ביסלעכווייז טעטיק די ווילנער האַנטווערקער־וואַרשטאַטן, עס הייבן אָן צו באַווייזן סימנים פון לעבן אונזערע פאַבריקן. עס דאַרף אָבער דערמאָנט ווערן, אַז אין דער צייט, ווען דער מסחר האָט שוין ביי די ערשטע מעגלעכקייטן אָנגעהויבן גאַנץ טעטיק צו פונקציאָנירן, האָט עס ליידער אין די צווייגן פון דער אינדוסטריע ווייט ניט געקענט פאָרקומען אין אַזאַ שנעלן טעמפּ. אַ סך פאַבריקן זיינען נאָך אין יאָר 1915 עוואַקואירט געוואָרן קיין רוסלאַנד און פון די געבליבענע אין ווילנע זיינען זייער פיל רואינירט געוואָרן דורך די פּאָליטישע געשעענישן און פאַרשיידענע אָקופּאַציעס. באַזונדערס האָט זיך אין דער הינזיכט אויסגעצייכנט די דייטשע אָקופּאַציאָנעלע מאַכט, וועלכע האָט אַרויסגעשלעפּט פון די היגע פאַבריקן אַלץ, וואָס זי האָט געפונען פאַר זיך נייטיק.

ווען מען זאָל נאָך צו דעם אַלעם צורעכענען דאָס, וואָס די היגע מלאכה און אינדוסטריע האָבן צוליב די פּאָליטישע שינויים אינגאַנצן פאַרלאָרן זייערע פריערדיקע אָפּזאַץ־פּלעצער, וועט מען זיך לייכט קענען פאָרשטעלן, ווי שווער עס איז אונזער אינדוסטריע אָנגעקומען צו שטעלן זיך כאָטש טיילווייז צוריק אויף די פיס.

ניט קוקנדיק אויף די דערמאָנטע שטערענישן, איז דאָך אויך אויף דעם געביט צו פאַרצייכענען אַ געוויסן ערפאָלג. עס איז כדאי אין דעם פּרט צו מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן די יאָרן 1920 און 1921 לויט דער פאָלגנדיקער טאַבעלע:

| פאַך | 1920 | 1921 | צוגעקומען | פאַך | 1920 | 1921 | צוגעקומען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| שוסטערייען . . . . | 200 | 495 | 295 | פריזירער. . . . . | 106 | 133 | 27 |
| שניידערייען . . . . | 143 | 370 | 227 | יובעלירער, זייגערמאַכער | 83 | 99 | 16 |
| שמידן . . . . . | 47 | 218 | 171 | פאָטאָגראַפיעס . . . . | 20 | 36 | 16 |
| בעקערייען . . . . | 142 | 221 | 79 | פאַרבערייען. . . . | 17 | 30 | 13 |
| שלאָסער און בלעכערייען | 75 | 123 | 48 | אײַנבינדער . . . . . | 15 | 24 | 9 |
| שטעפּערייען. . . . | 44 | 82 | 38 | מעכאַנישע וואַרשטאַטן. | 18 | 25 | 7 |
| סטאָליערייען. . . . | 30 | 59 | 29 | | | | |

עס מוז אָבער דערביי באַמערקט ווערן, אַז די דערמאָנטע דאַטן פון די האַנטווערקערייען, האַנדלס־אונטערנעמונגען א. אַ. וו. האָבן אַ שייכות נאָר ביז צום 1־טן אָקטאָבער 1921. צום אָפּשלוס פון יאָר 1921 און באַזונדערס צום אָנהייב פון יאָר 1922 איז די צאָל אונטערנעמונגען הן אין מסחר הן אין געווערב באַדייטנד גרעסער אויסגעוואַקסן.

הגם עס איז ניט צו פאַרשווייגן, אַז צו דער לעצטער טאַבעלע פון די האַנטווערקער מוז מען זיך באַציען מיט אַ געוויסער פאָרזיכטיקייט צוליב דעם, ווייל דער שטייער־אַפּאַראַט פון דער רעגירונג איז אין יאָר 1921 באַדייטנד פאַרפולקומט געוואָרן קעגן פאָריקן יאָר און אַ סך אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן אין יאָר 1920 קיין פּאַטענטן ניט אַרויסגענומען, זיינען געצוואונגען געווען אין יאָר 1921 זיי אַרויסצונעמען. דאָס האָט במילא „אָפיציעל" פאַרגרעסערט די צאָל האַנטווערקערייען, דאָך איז אָבער ניט אָפּצולייקענען דעם פאַקטישן צוּוואוקס פון אונזערע וואַרשטאַטן, הן אין איכות הן אין כמות. צום באַדויערן, איז נאָך, ליידער, ניט צו באַמערקן קיין גרויסע תחית־המתים פון אונזערע זעמשערייען, זאָקן־ און טריקאָטאַזש־שטריקערייען, קאָנפעקציאָנען און בערשטעריען, וועלכע האָבן פאַר דער מלחמה פאַרנומען דעם אויבנאָן אין אונזער מלאָכה. די דערמאָנטע פאַכן עקסיסטירן נאָך פאָרלויפיק אין אַ גאַנץ קליינעם מאַס־טאַב.

וואָס איז שייך אונזערע פאַבריק־אונטערנעמונגען, איז ליידער ביז דער דערמאָנטער דאַטע (1 אָקטאָבער 1921) ניט געווען צו פאַרצייכענען קיין צו גרויסן ערפאָלג אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט ביז דער מלחמה. נעמענדיק אָבער אין אַכט די אַלע איבערלעבענישן, וואָס דער אינדוסטריע אונזערער איז אויסגעקומען מיטצומאַכן און וועלכע האָבן געבראַכט צום כמעט פולשטענדיקן אונטערגאַנג פון אַלע היגע פאַבריק־אונטערנעמונגען, וועט, פּשוט, אויסקומען זיך צו וואונדערן אויף דעם ביסל, וואָס עס איז אויפגעטאָן געוואָרן פאַרן לעצטן יאָר.

פאַר דעם דערמאָנטן יאָר 1921 זיינען פאַררעגיסטרירט געוואָרן פאָלגנדיקע אונטערנעמונגען, וועלכע טראָגן אַ אינדוסטריעלן כאַראַקטער:

31 דרוקערייען, 110 מילן, 3 ביר־ברויזן, 15 בראַנפן־ברויזן, 5 ציגל־זאַוואָדן, 11 טאַבאַק־פאַבריקן, 14 שאַכטל־ און קופערטן־פאַבריקן, 33 קאָנפעקט־פאַבריקן, 5 גילזן־פאַבריקן, 39 גאַרבערייען, 19 זייף־פאַבריקן, 11 אייל־אויסאַרבעטונגען, 6 סאַכאַרין־פאַבריקן, 5 עלעקטרישע סטאַנציעס, 2 הוטעס, 3 שוך־פאַבריקן, 5 טאָרף־פאַבריקן, 3 טינט־פאַבריקן, 2 קאָרק־פאַבריקן, 2 שוועבעלעך־פאַבריקן, 2 זוימען־אויסאַרבעטונגען, 1 שמירפעטס, קישקעס־אָפּרייניקונג, גראַמאָפאָנעס, אינסטעלאַציעס א. אַז. וו.

עס איז אָבער כדאי צו פאַרצייכענען, אַז נאָך אַ גרויסע צאָל פאַבריק־אונטערנעמונגען פון גרעסערן מאַסשטאַב, ווי ברויזן, הוטעס, גאַרבערייען, טאַבאַק־פאַבריקן וכדומה געפינען זיך ביי היינטיקן טאָג אין פּראָצעס פון אויפבויאונג. ווי עס איז באַוואוסט, האָט די סאָלידערע אונטערנעמעריי די געוויינהייט אָפּצוּוואַרטן אויף אַ רואיקער צייט, ווען עס ווערט אײַנגעשטעלט אַ שטענדיקע מאַכט. עס איז קיין צווייפל ניט, אַז ווען ווילנע וועט אויפהערן צו זיין אַ פּאָליטישער פּראַגעצייכן, וועט זי ווידער פאַרנעמען דעם פּלאַץ אין מסחר און אינדוסטריע, וועלכן זי האָט פאַרנומען פאַר דער מלחמה, אויב נאָך ניט קיין גרעסערן.

יונה שאַפּיראָ.



יונה שאַפּירא.

# די ווילנער זעלבסטפארוואלטונג און די יידן.

## I. דער ווילנער שטאטראט אונטערן צאריזם.

די תקנות וועגן דער שטאָטישער און זעמסקער זעלבסטפאַרוואַלטונגען (Городовое положенiе) זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך אַלעקסאַנדער דעם 2־טן דעם 16 יוני 1870 יאָרי ביז יענער צייט פלעגט די שטאָטישע ווירטשאַפט אָנגעפירט ווערן דורך אַ קאָלעגיע פון 7 מענטשן: פרעזידענט, וויצע, סעקרעטאַר און 4 געקליבענע ראַטמענער, פון וועלכע 2 זיינען ביי אונז אין שטאָט געוועזן יידישע. פון די מאַטעריאַלן פון שטאָטישן אַרכיוו איז צו זען, אַז די לעצטע 2 יידישע ראַטמענער פאַר דער איינפירונג פון די דערמאָנטע תקנות, זיינען געוועזן די ה״ה יוסף זעליגמאַן און זלמן בראַווין.

די נייע פאָרם פון דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג איז אָבער ביי אונז צוליב פאַרשיידענע טעמים אַריינגעפירט געוואָרן אין לעבן ערשט מיט איניקע יאָר שפעטער און אַפילו אין יאָר 1875 האָט נאָך די „גובערניאַלע פאַרוואַלטונג״ באַשטימט וואַלן צו דער דערמאָנטער זיבן־קאָלעגיע.

די פאָרשטייער פון דער יידישער באַפעלקערונג האָבן דאַן מודיע געווען דער „גובערניאַלער פאַרוואַלטונג״, אַז די יידן פאַרלאַנגען, מ׳זאָל אויך ביי אונז אין שטאָט איינפירן די רעפאָרם פון דער נייער שטאָטפאַרוואַלטונג, לויטן אוקאַז פון 16 יוני 1870, און דעריבער וועלן די יידן קיין אָנטייל ניט נעמען אין די וואַלן צו דער קאָלעגיע. פון די מאַטעריאַלן פון שטאָטישן אַרכיוו איז צו זען, אַז די יידישע באַפעלקערונג האָט געהאַט דערביי אויסצושטיין אַ קאַמף מיט דער דאַמאָלסטיקער גובערניאַלער מאַכט, וועלכע האָט געוואָלט פאַרשלעפן די איינפירונג פון דער רעפאָרם אין אונזער קאַנט.

דער רעזולטאַט פון דעם סיכסוך איז געווען, אַז די יידן האָבן באַיקאָטירט די וואַלן און די גובערניאַלע פאַרוואַלטונג איז געווען געצוואונגען איבערצולאָזן אויך אויף שפעטער די פריערדיקע 2 יידישע ראַטמענער, די הערן בראַווין און זעליגמאַן, וועלכע זיינען געבליבן אויף זייערע פאָסטנס ביזן יאָר 1876, ד. ה. ביז דאַן, ווען די נייע רעפאָרם פון דער זעלבסטפאַרוואַלטונג איז ביי אונז אַיינגעפירט געוואָרן אין לעבן.

די באַציאונג פון די יידישע אָנפירנדיקע קרייזן צו די מלוכישע און שטאָטישע ענינים איז אַלזאָ שוין אין יענער צייט געווען דורכגעדרונגען מיט בירגערלעכן באַוואוסטזיין. די האָפענונגען אָבער, וואָס זיי האָבן דאַן געלייגט אויף דער רעפאָרם פון דער מוניציפאַליטעט, זיינען ניט אינגאַנצן מקוים געוואָרן, צוליב די פיל באַגרעניצונגען, וואָס די רעפאָרם האָט געבראַכט בנוגע צו יידן. אַזוי, למשל, איז אין אַרט. 35 פון די תקנות געזאָגט געוואָרן, אַז די צאָל פון די „ניטקריסטלעכע״ ראַטמענער טאָר ניט זיין מערער ווי איין דריטל פון דער אַלגעמיינער צאָל ראַטמענער, יידן טאָרן ניט אויסגעקליבן ווערן אין פרעזידיום, דאָסגלייכן אין מאַגיסטראַט טאָרן יידן ניט זיין מערער ווי אַ דריטל פון דער אַלגעמיינער צאָל לאַווניקעס (אַרט. 88).

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, זיינען אין ווילנע די נייע תקנות אַיינגעפירט געוואָרן ערשט אין יאָר 1876, אונזער שטאָט האָט געדאַרפט אויסקלייבן 72 ראַטמענער; אין דעם האָבן געמעגט זיין יידישע 24, ביי די ערשטע וואַלן זיינען אָבער דורכגעגאַנגען מער ניט ווי 19 יידן, דהיינו: אהרן לעבענזאָן, מאיר גאָרדאָן, יאָאַכים עליאַשעוו, אַלבערט סירקין, שמואל פין, אַלבערט מאַנאַסעוויטש, אברהם קאַראַסיק, שעפטל קליאַטשקאָ, ירחמיאל ברוידאָ, אָווסעיי קאָוואַרסקי, שמואל סאָלץ, זלמן בראַווין, מרדכי וויגאָדסקי, סענדער וואַלק, יוסף היילפערן, אַפטייקער זאַלקינד, בער נאַטאַנזאָן, מ׳ייער רודזינסקי און פייוול סוויאַדאָשץ. צווישן די 4 לאַווניקעס פון מאַגיסטראַט איז געווען איין יידישער ה׳ עליאַשעוו.

ביי דער ממשלה פון אַלעקסאַנדער דעם 3־טן בייט זיך אָבער איבער צום ערגערן די רעכטלעכע לאַגע פון די יידן בכלל און אין דער שטאָטפאַרוואַלטונג בפרט. און לויטן אוקאַז פון סענאַט פון 5־טן מערץ 1885 ווערן די שטאָטישע ווילער איינגעטיילט אין 3 קוריעס לויטן פאַרמעגנס־צענז און יעטווידער קוריע האָט דאָס רעכט אויסצוקלייבן נאָר אַ דריטל פון דער אַלגעמיינער צאָל ראַטמענער. דער סענאַט־אוקאַז האָט געצילט אָפּצושוואַכן דעם דעמאָקראַטישן עלעמענט אין די שטאָטפאַרוואַלטונגען און האָט במילא געווירקט אויף דער פאַרקלענערונג פון די יידישע ראַטמענער. אַזוי, למשל, האָבן די יידן מיט אַ יאָר פאַרן אוקאַז דורכגעפירט צו די וואַלן פון 1884 ביז 1888 22 ראַטמענער, אָבער נאָכן אוקאַז וועגן דער קוריאַלער וואַל־סיסטעם איז אויסגעקומען, אַז אין דער ערשטער קוריע זיינען די יידן ניט געווען ביכולת דורכצופירן קיין איין ראַטמאַן און אָנשטאָט די אויסגעקליבענע 22 יידישע ראַטמענער האָבן געקענט בלייבן אין שטאָטראַט נאָר 16. אויסגעקליבן זיינען דאַמאָלסט געוואָרן די הערן: ישראל בונימאָוויטש, סענדער וואַלק, מרדכי וויגאָדסקי, מאיר גאָרדאָן, יוסף גראָדזענסקי, זלמן גורליאַנד, וואָלף זשירמונסקי, שעפטל קליאַטשקאָ, אהרן לעבענזאָן, אַרנאָלד ליפּעץ, משה ראָגאָווין, שמואל סאָלץ, חיים טויטנגרעבער, שמואל פין, אליהו שטעסל, אברהם שור, חיים סאָלץ, ירחמיאל ברוידא, יצחק סעגאַל, בערל נאַטאַנזאָן, מ. גאָרדאָן און א. בלאָך. די לעצטע 6 הערן פון דער דערמאָנטער רשימה האָבן געמוזט נאָך אַ יאָר אַרבעט אין שטאָטראַט אַרויסטרעטן פון איִם צוליבן דערמאָנטן אוקאַז פון סענאַט. יידישער לאַווניק פון יענער סעסיע איז געווען ה, שעפטל קליאַטשקאָ.

דערמיט האָבן זיך אָבער די באַגרעניצונגען ניט געענדיקט. אין יאָר 1892 איז אַרויס אַ נייער אוקאַז, וועלכער האָט אינגאַנצן צוגענומען ביי דער יידישער באַפעלקערונג דאָס רעכט צו נעמען אַן אָנטייל אין די וואַלן פון שטאָטראַט. עס ווערן צוגעלאָזן נאָר 10 פראָצ. יידישע ראַטמענער, אי דאָס אויך ניט קיין געקליבענע דורך דער באַפעלקערונג, נאָר באַשטימטע דורכן גובערנאַטאָר.

עס ווערט אַיינגעפירט אַ ספעציעלע יידישע רשימה, פון וועלכער די אָרטיקע מאַכט האָט געהאַט לויטן אייגענעם אַיינזען אויסצוקלייבן די פאַסנדיקע קאַנדידאַטן. אויף דער סעסיע פון 1893—1897 זיינען אויף אַזאַ אופן באַשטימט געוואָרן 4 יידישע ראַטמענער אויף דער אַלגעמיינער צאָל 44, דהיינו: אהרן גירשאָוויטש, שעפטל קליאַטשקאָ, שמואל לעווין און אַהרן ליפּעץ.

לויטן זעלביקן אוקאַז האָבן די יידן פאַרלאָרן דאָס רעכט צו האָבן אַ לאַווניק אין מאַגיסטראַט.

אויך צו דער לעצטער סעסיע ביי דער רוסישער הערשאַפט, ד. ה. צו די וואַלן פון יאָר 1909 זיינען אויף דער אַלגעמיינער צאָל 80 ראַטמענער באַשטימט געוואָרן נאָר 7 יידן, דהיינו: ישראל בונימאָוויטש, אַדאָלף גאָרדאָן, ד״ר זאַלקינד, אהרן ליפּעץ, ה׳ סעגאַל, יוליוס סירקין און פייוול פרומקין. נאָכן טויט פון ה׳ סעגאַל האָט זיין אָרט פאַרנומען ה׳ ג י י ש ו ל.

די יידישע ראַטמענער האָבן גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער אַרבעט פון שטאָטראַט און די קאָמיסיעס און ניט קוקנדיק אויף זייער קליינער צאָל האָט זיך זייער ווירקונג שטאַרק געשפירט. דאָס איז צו זעען פון די מאַטעריאַלן, וואָס געפינען זיך אין שטאָטישן אַרכיוו, פּראָטאָקאָלן פון די פלענאַרע זיצונגען און פון די זיצונגען פון די קאָמיסיעס. הגם אין די קאָמיסיעס האָבן יידן געהאַט רעכט צו אַרבעטן נאָר אין די, וואָס האָבן געהאַט בלויז צוגרייטונגס=פונקציעס (רעוויזאָרישע, פינאַנסיעלע, עלעקטרישע וכדומה), אָבער ניט אין די, וועלכע האָבן געהאַט עקזעקוטיווע רעכט (אָפּשאַצונג, רעמאָנט וכדומה).

אויפן ספּעציעל יידישן געביט אין די ווענט פון שטאָטראַט פלעגט די יידישע ראַטמענער זעלטן אויסקומען אַרויסצוטרעטן, ווייל ווי עס איז באַוואוסט, האָט די רוסישע צאַרישע רעגירונג, ד. ה. דער אמתער בעל=דעה איבער די שטאָטישע ענינים, אין איר אונטערדריקונגס=פּאָליטיק ווייניק אונטערשיידט די יידן פון די פּאָליאַקן. עס זיינען אָבער געווען פאַלן, ווען די יידישע באַפעלקערונג פלעגט באַוועלט ווערן ספּעציעל אַלס יידישע, און דאַן פלעגן די ראַטמענער אָננעמען געוויסע פּאָליטישע אַקציעס, און קעמפן מיט די מיטלען, וועלכע עס האָבן זיך געפּאַסט פאַר יענער צייט. עס איז כדאַי צו דערמאָנען דעם קאַמף, וואָס די יידישע ראַטמענער האָבן געפירט אַרום דער קאָמערצשול, וועלכע איז מיט דער הילף פון שטאָטראַט און די מיטלען פון די יידישע סוחרים דאַמאָלסט געגרינדעט געוואָרן ביי אונז אין שטאָט. די קאָמערצשול האָט זיך געדאַרפט אויסהאַלטן פון אַ ספּעציעלן אָפּצאָל, וואָס די ווילנער סוחרים האָבן גענומען אויף זיך צו צאָלן צום האַנדלסשטייער. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז לכל=הפּחות 85 פּראָצענט פון דעם געלט איז געווען יידיש און דערפאַר האָבן יידן געהאַט די פּריווילעגיע, אַז זיי פלעגן ווערן אין דער שול אָגגענומען ניט לויט דער געוויינלעכער 10 פּראָצענטיקער נאָרמע, ווי אין אַלע מיטלשולן, נאָר גאַנצע 50 פּראָצענט. די שול האָט דאַן געהערט ניט צום בילדונגס=מיניסטעריום, נאָר צום פינאַנס=מיניסטעריום, וועלכער איז פון שטענדיק אָן אין צאַרישן רוסלאַנד געווען דער סאַמע „לינקער״ און דעריבער האָט זיך דאַן איינגעגעבן צו עפענען די קאָמערצשול אויף אַזוינע „ראַדיקאַלע״ יסודות. אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט זיך דער רוסישער רעגירונג פאַרוואָלט חרטה צו האָבן אויפן גאַנצן עסק און איינשטעלן אין שול די געוויינלעכע פּראָצענט=נאָרמע. דאָס וואָלט געבראַכט דערצו, אַז די שול זאָל זיך אינגאַנצן פאַרמאַכן, ווייל ס׳וואָלט פּשוט ניט געווען צו געפינען אין שטאָט די נייטיקע 90 פּראָצענט קריסטן (די 50 פּראָצענט קריסטלעכע קינדער איז אויך געווען שווער צו שאַפן און יעדער אָנגעקומענער ייד פלעגט דאַרפן זיך באַזאָרגן מיט אַ שילער אַ קריסט אום איינצוהאַלטן דעם „גלייכגעוויכט״ אין שול און כמעט יעדן יידישן תלמיד פלעגט אויסקומען צו צאָלן פאַר זיך און פאַר זיין קריסטלעכן „אָכאָטניק״). און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גאַנצע פּאָליטישע אַקציע, בראש פון וועלכער עס זיינען געשטאַנען די יידישע ראַטמענער, מבטל צו מאַכן די נייע גזרה.

ניט איינמאָל איז די יידישע ראַטמענער אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן אַלס פאַרטיידיקער פון די יידישע גאַסנהענדלער, וועלכע פלעגן האָבן אויסצושטיין פון די פאַראָרדענונגען פון מאַגיסטראַט. אַ באַזונדערן פלאַץ האָט פאַרנומען אין דער אַרבעט פון די יידישע ראַטמענער דער קאַמף, אָדער גיכער שתּדלנות, וואָס זיי איז אויסגעקומען צו פירן פאַר די אומגליקלעכע יידן, וועלכע פלעגן אין דער צייט פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן אַרויסגעטריבן ווערן פון זייערע איינגעזעסענע ערטער אין די דערפער און ישובים פון ווילנער געגנט. עס פלעגט ניט אַוועקגיין אַ וואָך אָן אַזוינע מיני שתּדלנות. מען פלעגט אָפּשלאָגן די טירן פון גובערנאַטאָר, גענעראַל=גובערנאַטאָר, און סתּם „נאַטשאַלסטוואָ״ און זייער אָפט פלעגט זיך די יידישע ראַטמענער איינגעבן דירך שתּדלנות אָדער פּערזענלעכער פּראָטעקציע אַרויסצוראַטעווען דעם אָדער יענעם יידישן ישובניק פון געפאַר צו ווערן רואינירט. דער אַלטער יידישער ראַטמאַן און עסקן ה׳ אהרן ליפּעץ, וועלכער איז געווען ראַטמאַן עטלעכע צענדליק יאָר, האָט מיר פּערזענלעך איבערגעגעבן אַ גאַנצע ריי פון אַזעלכע עפּיזאָדן, וואָס זיי איז אָבער ליידער צוליב מאַנגל אין פלאַץ אוממעגלעך צו פאַרפיקסירן אויף דעם אָרט. דעמזעלבן ה׳ ליפּעץ מיט זיינע קאָלעגן, די יידישע ראַטמענער, איז אויך אויסגעקומען משתּדל צו זיין זיך אין דער צייט פון בלאָנדעסעס פּראָצעס, וועלכער איז זיך שיר ניט פונאַנדערגעוואַקסן אין אַ מיאוסער אַנטיסעמיטישער העץ=אַוואַנטיורע אַ לאַ ביילים.

---

## II. די ממשלה פון די דייטשן און פון דער ערשטער ראַטנמאַכט.

אין יאָר 1915, ווען די רוסישע מאַכט איז דורכן דראַנג פון די געשעענישן אויפן פראָנט, געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן אונזער שטאָט, איז אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די פאָרשטייער פון די היגע נאַציאָנאַליטעטן באַשלאָסן געוואָרן, אַז די שטאָטישע ווירטשאַפט זאָל איבערגעגעבן ווערן אַ קאָלעגיע, אין וועלכער עס דאַרפן זיין פאַרטראָטן פּראָפּאָרציאָנעל פאָרשטייער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן. די יידישע ראַטמענער זיינען כמעט אַלע אַרויסגעפאָרן פון שטאָט, אויך האָבן געפעלט אַ סך פון די קריסטלעכע ראַטמענער און פון געוועזענעם מאַגיסטראַט און מ׳האָט געדאַרפט שאַפן אַ גאַנץ נייעם אָרגאַן, וועלכער זאָל קענען איבערנעמען די שטאָטישע בעל=הבתּישקייט. די דערמאָנטע פאַרזאַמלונג האָט אויסגעקליבן אַ קאָמיטעט פון פאָרשטייער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכער האָט זיך געווענדט צום מאַגיסטראַט מיט אַ מעמאָראַנדום וועגן דעם ענין. דער מאַגיסטראַט האָט צוליב דעם צונויפגערופן אַ ספּעציעלע זיצונג פון די פאַרבליבענע ראַטמענער, וועלכע האָבן הגם אין פּרינציפּ מסכּים געווען, אַזאַ אָרגאַן זאָל געשאַפן ווערן, זיינען אָבער געווען קעגן דער גרויסער צאָל יידן (15), וואָס דער מעמאָראַנדום האָט פאָרגעלייגט. אויך זיינען זיי געווען קעגן דער פאָרשטייערשאַפט פון ליטווינער און ווייסרוסן. קורץ, די זאַך איז אַזוי לאַנג פאַרשלעפּט געוואָרן, ביז די דייטשן האָבן פאַרנומען ווילנע.

נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן איז די שטאָטישע ווירטשאַפט אינגאַנצן איבערגענומען געוואָרן דורך דער דייטשער מיליטערישער ביוראָקראַטיע. דער פריערדיקער שטאָטראַט מיטן מאַגיסטראַט האָבן פאַרלאָרן אַלע זייערע רעכט, און בלויז פון צייט צו צייט פלעגן דורכן דייטשן בירגערמייסטער איינגעלאַדן ווערן פאָרשטייער פון דער היגער באַפעלקערונג, אַלס פאַכמענער און זאַכקענער ביי פאַרשיידענע צווייגן פון דער שטאָטישער ווירטשאַפט (שטייער, דערנערונג, אַנשטאַלטן וכדומה). דעם איינציקן גוטן אויפטו, וואָס מיר האָבן צו פאַרדאַנקען דער דייטשער ממשלה איז, וואָס זיי האָבן די ערשטע געבראָכן דעם אַלטן מנהג, ניט צוצונעמען קיין יידישע באַאַמטע אין מאַגיסטראַט. די דייטשן האָבן גאַנץ גערן אָנגענומען יידישע אָנגעשטעלטע אויך אויף

פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס און אַזוי אַרום האָט זיך אין די שטאָטישע מויערן פון דאָמיניקאַנער גאַס אין אַ קורצער צייט אויסגעבילדעט אַ היבשע מחנה פון יידישע „טשינאָווניקעס", וואָס עס איז געווען אַ נייס פאַר דער היגער באַפעלקערונג.

שוין אין דער לעצטער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט דער דייטשער אייבערבירגערמייסטער געשאַפן ביי זיך אַ ביי ראַ ט, וועלכער האָט געדאַרפט דינען אַלס „ערזאַץ" פון אַ רעפּרעזענטאַנץ פון דער ווילנער געזעלשאַפטלעכקייט. צוגלייך מיט פאָרשטייער פון די פּאָליאַקן זיינען אַיינגעלאַדן געוואָרן 2 יידישע, די ה"ה ד"ר ר אַ כ מ י ל ע וו י ט ש און אַדוואָקאַט ש. ר אָ ז נ ב ו י ם. שפּעטער האָט ראָזנבוימס אָרט פאַרנומען ד"ר צ מ ח ש אַ ב אַ ד. דער בייראַט האָט אייגנטלעך געדאַרפט שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, ווייל, ווי באַוואוסט, האָט די בירגערמייסטערשאַפט קאָנצענטרירט אין זיך די גאַנצע שטאָטישע דערנערונג און אויסהאַלטונג פון די שטאָטישע אַנשטאַלטן (קינדערהיימען, יתומים-הייזער, מושב-זקנימס, שפּיטעלער), וועלכע זיינען אין יענער עפּאָכע אויסגעוואַקסן אין אַ גרויסע צאָל צוליב דעם אומגעהייערן דחקות און הונגער. אויך זיינען אין די הענט פון דעם דייטשן בירגערמייסטער געלעגן די פאָלקסקיכן, קינדערקיכן, און די פאָרשטייער ביים בירגערמייסטער פלעגט אויסקומען גענוג צו קעמפן פאַר דעם, אַז די יידישע מוסדים און קיכן זאָלן באַזאָרגט ווערן פּראָפּאָרציאָנעל אין דער זעלבער מאָס ווי די קריסטלעכע.

די אַרבעט פון די יידישע מיטגלידער פון בייראַט פלעגט אָבער פאַרשווערט ווערן דורך די פּוילישע פאָרשטייער, וועלכע האָבן ביי יעטווידער געלעגנהייט זיך געפלייסט צו באַווייזן, אַז זיי זיינען דיווירקלעכע בעלי-בתים פון שטאָט און גאַנץ אָפט פלעגט קומען צו שאַרפע סיכסוכים צווישן די פּוילישע און די יידישע פאָרשטייער.

מיטן אַרויסגאַנג פון די דייטשן איז דער גאַנצער אַפּאַראַט פון דער שטאָטישער ווירטשאַפט אַריבערגעגאַנגען צו די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן געבילדעט אַ באַזונדערן קאָמיסאַריאַט („קאָמגאָרכאָז" — קאָמיסאַריאַט פון דער שטאָטישער ווירטשאַפט) בראש פון וועלכן עס איז געשטאַנען דער ליטווינער א יי ד ו ק ע וו י ט ש. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַלע יידישע באַאַמטע, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרן פאַר דער צייט פון די דייטשן, זיינען געבליבן אויף זייערע פּלעצער, עס זיינען נאָך צוגעצויגן געוואָרן אַ גאַנצע ריי נייע יידישע אָנגעשטעלטע אויף פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס, רעקאָמענדירטע דורך די היגע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען. אַזוי אַ שטייגער האָט זיך דער אַזויגערופענער „גאָרקאָמפּראָד" (שטאָטישער דערנערונגס-קאָמיסאַריאַט) געפונען כמעט אויסשליסלעך אין יידישע הענט.

## III. די ערשטע פּוילישע אקופּאַציע.

דעם 19 אַפּריל האָבן די פּוילישע חיילות פאַרנומען אונזער שטאָט, פירנדיק דערביי 3 טעג אַ קאַמף אין די גאַסן. עס איז אַלגעמיין באַוואוסט די גרויסע שרעקן, עינויים און רציחות, וואָס די יידישע באַפעלקערונג האָט אין יענע טעג איבערגעלעבט. אָט אין דער דאָזיקער צייט, ווען אין דער יידישער געזעלשאַפט האָט געהערשט יאוש און פאַרצווייפלונג, האָט די פּוילישע מאַכט באַשטימט אַ צייטווייליקן מאַגיסטראַט אויף אָנצופירן מיט דער שטאָטישער ווירטשאַפט, בראש פון וועלכן עס האָט זיך געשטעלט דער ה' וו י ט אָ ל ד אַ ב ר אַ מ אָ וו י ט ש*). צו דעם דערמאָנטן

*) דער זעלבער ה' אבראמאָוויטש איז נאָכהער אין דער עפּאָכע פון „מיטל-ליטע" באַשטימט געוואָרן אַלס דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פאַר אינווייניקסטע ענינים.



מאַגיסטראַט זיינען אויך אַיינגעלאַדן געוואָרן 3 „פאָרשטייער" פון יידן, דהיינו: אַ ד אָ ל ף ג אָ ר ד אָ ן, ש. ט ר אָ צ ק י און מ אַ ר ג אָ ו י צ ק י. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די דערמאָנטע דריי הערן זיינען פון קיינעם ניט געוואָרן באַפולמעכטיקט אָנצונעמען די פּאָסטנס אין מאַגיסטראַט אַלס פאָרשטייער פון יידן און האָבן דאָרטן געאַרבעט אויף דער אייגענער אחריות. מ'דאַרף דערביי אונטערשטרייכן, אַז אין יענער צייט האָט שוין עקסיסטירט די דעמאָקראַטיש געוויילטע קהילה, דער פּרעזידיום פון וועלכער פלעגט זיך צוזאַמענקלייבן אפילו אין די סאַמע גרויזאַמסטע טעג. עס איז אַלוואָ געווען, מיט וועמען זיך מיישב צו זיין און ביי וועמען צו נעמען דירעקטיוון אין דער פראַגע.

דאָס מיטאַרבעטן פון די דערמאָנטע 3 יידן ציזאַמען מיט די פּאָליאַקן אין דעם דאַמאָלסטיקן מאַגיסטראַט האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַרביטערונג אין די באַוואוסטזיניקע יידישע שיכטן און געזעלשאַפטלעכע קרייזן. אויף איינער פון די זיצונגען פון דער קהילה איז דער ראַטמאַן ז. רייזען (פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי) אַרויסגעטראָטן מיט אַ שאַרפן פּראָטעסט קעגן די הערן, וועלכע ערלויבן זיך אָן דער סאַנקציע פון דער יידישער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפטלעכקייט צו זיצן אין מאַגיסטראַט און דערמיט שאַפן זיי פאַר דער וועלט אַ אילוזיע פון אַ פרידלעכן צוזאַמענלעבן פון ביידע פעלקער, אין דער צייט, ווען דאָס יידישע רעכט ווערט אַזוי ברוטאַל געטראָטן מיט די פיס.

דער ה' אַדאָלף גאָרדאָן, וועלכער איז אגב געווען אין דערזעלבער צייט אויך אַ ראַטמאַן פון דער קהילה, איז אַרויסגעטראָטן מיט אַן ערקלערונג, באַרעכטיקנדיק דעם שריט פון די דריי יידישע „פאָרשטייער" מיט דער אויסערגעוויינלעכקייט פון דעם מאָמענט. אגב האָט ה' גאָרדאָן אויפגעוויזן, וויפיל שאָדן די יידישע באַפעלקערונג וואָלט געהאַט, ווען ס'וואָלטן ניט געווען קיין יידישע פאָרשטייער אין מאַגיסטראַט. און הגם מ'דאַרף אָנערקענען, אַז דאָס בייזיין פון די 3 יידן אין מאַגיסטראַט האָט אין אַ געוויסער מאָס פּאַראַליזירט זיין אַנטיסעמיטישע טעטיקייט. דאָך זיינען די פּויליש-יידישע באַציאונגען אויף אַזוי פיל דאַן געוואָרן פאַרשאַרפט, דער אומצוטרוי צו דעם אַלעם, וואָס עס האָט געשטאַמט פון דער פּוילישער מאַכט, אַזוי גרויס, אַז גאָרדאָנס ערקלערונגען האָבן ניט געקענט באַפרידיקן. דאָס אומטאַקטישע אַנטקעגנשטעלן זיך פון די יידישע מאַגיסטראַט-לייט דער יידישער געזעלשאַפטלעכער מיינונג האָט זיך בשום אופן ניט אָפּגעצאָלט מיט די אויפטוען פון דאַמאָלסטיקן מאַגיסטראַט לטובת יידן; גלייך ביים צוטרעטן צו דער אַרבעט האָט דער מאַגיסטראַט אַנטזאַגט פון די שטעלעס כמעט אַלע יידישע אָנגעשטעלטע, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרן אין דער צייט פון די דייטשן און נאַכהער אין דער תקופה פון די באָלשעוויקעס.

געוויינטלעך איז דאָס אַנטזאָגן דאַמאָלסט מאָטיווירט געווען דערמיט, וואָס דער מאַגיסטראַט האָט חושד געווען די יידישע אָנגעשטעלטע אין באָלשעוויזם, אָבער אַזוי ווי אַלע יידן זיינען דאַן גענומען געוואָרן אין חשד אַלס באָלשעוויקעס, האָט מען שוין במילא גאַנץ כשר זיך ערלויבט צו באַזייטיקן די יידישע אָנגעשטעלטע, איבערלאָזנדיק נאָר עטלעכע פון יוצא-וועגן.

די מאַכטלאָזיקייט פון די יידישע מאַגיסטראַט-מיטגלידער איז אויך געווען צו באַמערקן ביי אַנדערע ענינים. אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז די דערנערונג פון דער שטאָטישער אָרימער באַפעלקערונג און די אויסהאַלטונג פון די פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן (אינטערנאַטן, יתומים-הייזער וכדומה) געלעגן אין די הענט פון דעם בירגערמייסטער. אַזוי איז אויך געבליבן פאַר דער צייט פון די באָלשעוויקעס, די דייטשן און די באָלשעוויקעס פלעגן ניט מאַכן קיין אונטערשייד צווישן די יידישע און קריסטלעכע אינסטיטוציעס. דער נייער פּוילישער מאַגיסטראַט

האָט אָבער גלייך אויסגעטיילט אַ טייל פון די פּוילישע מוסדים און אַריינגענומען זיי אין נעץ פון די אַנשטאַלטן, וועלכע „געהערן צו שטאָט" און פון די אַלע איבעריקע אַראָפּגענומען פון זיך די אַחריות. אַזוי אַרום איז אויסגעקומען, אַז צו שטאָט „געהערן" נאָר פּוילישע אַנשטאַלטן, אָבער ניט קיין יידישע. די איינציקע אַנשטאַלט, וואָס האָט זוכה געווען אַרונטערצופאַלן אונטער דעם נאָמען „שטאָטישע" איז דער יידישער שפּיטאָל פון זאַוואַלנע גאַס. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז קעגן די 5 שפּיטעלער און 7 אינטערנאַטן, וועלכע די שטאָט האַלט אויס, איז די מוניציפּאַליזירונג פון בלויז איין יידישן מוסד געווען אַ קנאַפּע קאָמפּענסאַציע.

ניט בעסער איז געשטאַנען די באַזאָרגונג פון די יידישע פאָלקסקיכן, וועלכע זיינען נאָך געגרינדעט געוואָרן אין דער צייט פון די דייטשן. פאַר דער לפי־ערך קורצער צייט, וואָס דער דערמאָנטער מאַגיסטראַט האָט עקסיסטירט, האָט מען באַעוולט די יידישע פאָלקסקיכן ניט מער און ניט ווייניקער ווי אין 11 טויזנט פּוד מעל, וואָס האָט געקומט די יידישע קיכן לויטן חשבון; און בראש פון דער דערנערונגס־אָפּטיילונג איז דאַן געשטאַנען דער יידישער לאַווניק ה׳ מאַרגאָוויצקי! ווען דער דאָזיקער פאַקט איז אַרויפגעשוואומען אין דער יידישער פּרעסע, האָט זיך דער מאַגיסטראַט געפּרובירט ריינוואַשן און באַווייזן, אַז דאָס איז ניט ריכטיק, אָבער דער פּאָרזיצער פון דעם דאַמאָלסטיקן יידישן דערנערונגס־קאָמיטעט ד״ר גלאָבוס און דער פאַרוואַלטער פון דער דערנערונגס־אָפּטיילונג ביי דער קהילה ה׳ רודניצקי האָבן אין דער יידישער פּרעסע מיט ציפערן באַוויזן, אַז די הכחשות פון מאַגיסטראַט האָבן ניט קיין גרונט.

געוויינלעך, איז אויך בנוגע דער שפּראַך־פראַגע אין מאַגיסטראַט דאָס יידישע רעכט שטאַרק פאַרשוועכט געוואָרן. אָנערקענט איז געווען נאָר פּויליש. די איבעריקע אָרטיקע שפּראַכן זיינען ניט צוגעלאָזט געוואָרן. דאָס איינציקע מאָל ווען דער מאַגיסטראַט האָט זיך דערמאָנט אָן יידיש איז געווען דאַן, ווען ער האָט געהאַט בדעה צו מאַכן אַ הלוואה ביי דער פּוילישער מלוכה עטלעכע מיליאָן מאַרק און ס׳האָט זיך געפאָדערט צו דער הלוואה די גאַראַנטיע פון די ווילנער סוחרים און הויז־באַזיצער. דער מאַגיסטראַט האָט דאַן געבילדעט אַ ספּעציעלע פינאַנץ־קאָמיסיע, אין וועלכער עס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן אויך 3 יידן (ה״ה א. גאָרדאָן, ש. טראָצקי און א. זאַלקינד). די קאָמיסיע האָט אַרויסגעלאָזן וועגן דעם ענין אַן אויפרוף צו די סוחרים און הויזבאַזיצער אויך אין יידיש. דער אויפרוף האָט אָבער ניט געווירקט און די גאַראַנטיע איז מצד די סוחרים און הויזבאַזיצער ניט געגעבן געוואָרן. די יידישע צייטונג ,טאָג" האָט וועגן דעם דאַן געשריבן אין צוזאַמענהאַנג מיט די פאָרשטייענדיקע וואַלן צום שטאָטראַט: „צי וועלן מיר באָיקאָטירן דעם שטאָטראַט צי ניט, ווייסן מיר נאָך פאָרלויפיק ניט, די הלוואה אָבער באָיקאָטירן מיר לכל הדעות".

מיט אייניקע וואָכן שפּעטער האָט דער דאַמאָלסטיקער ציווילפאַרוואַלטער פון די מזרח־געביטן ה׳ אָסמאָלאָווסקי, אַרויסגעלאָזט אַ פאַראָרדענונג וועגן וואַלן אין ווילנער שטאָטראַט און מאַגיסטראַט און אַ באַפעל דעם ווילנער מאַגיסטראַט מאַכן די הכנות צו די וואַלן. דערביי איז געווען געמאָלדן די גאַנצע וואַל־אָרדינאַציע, וואָס די פאַרוואַלטונג פאַר די מזרח־געביטן האָט אויסגעאַרבעט צו די וואַלן. לויט דער דערמאָנטער אָרדינאַציע האָבן געהאַט וואַלרעכט אַלע שטענדיקע איינוואוינער פון שטאָט און זאָגאַר פון אַ גרויסן אומגעגנט, ד. ה. פון אַ גאַנצער ריי אַרומיקע דערפער. די וויילער האָבן אָבער געמוזט קענען ריידן פּויליש, זיי האָבן געמוזט האָבן אַ בילדונגס־צענז פון אַ עלעמענטאַרער שול, האָבן ניט געטאָרט זיין קיין בירגער פון אַזאַ לאַנד, וואָס פירט מלחמה מיט דער פּוילישער אַרמיי.

הגם די וואַל־אָרדינאַציע איז געווען באַפּוצט מיט דער באַוואוסטער דעמאָקראַטישער דעקאָראַציע פון אַלגעמיינע, דירעקטע פּראָפּאָרציאָנעלע א. אַז. וו. האָט דאָך די יידישע באַפעלקערונג גלייך פאַרשטאַנען, אַז זי מוז זיך פון די וואַלן אַנטזאַגן. אויסער דעם פּונקט פון דער פאַרגרעסערטער ווילנע, וועלכע איז ספּעציעל געשאַפן געוואָרן כדי קינסטלעך צו פאַרקלענערן די רעפּרעזענטאַנץ פון דער יידישער באַפעלקערונג, איז די גאַנצע אָרדינאַציע בכלל אַזוי רעדאַקטירט געווען, אַז ביים בייזן ווילן מצד פון אַ וועלכן עס איז קליינעם פּוילישן באַאַמטן וואָלט יעדער יידישער וויילער כמעט געקענט געפּסלט ווערן. אגב האָט מען פּרינציפּיעל ניט געקענט אַיינגיין דערויף, אַז פּויליש איז מחויב צו קענען יעדער ווילנער בירגער. דער פּונקט וועגן אַ צענז פון אַ עלעמענטאַרער שול, האָט אויך ניט געשטימט מיט דער דעמאָקראַטישער דעקאָראַטיווקייט פון דער אָרדינאַציע. קורץ, די גאַנצע יידישע געזעלשאַפט, כמעט אָן אויסנאַם, אַלע פּאַרטייען האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר באָיקאָטירן די וואַלן צום שטאָטראַט.

ווען די פאַרוואַלטונג פאַר די מזרח־געביטן האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם יידישן באַשלוס צו באָיקאָטירן די וואַלן, האָט זי אַרויסגעלאָזן נייע אויסבעסערונגען אין די תקנות. לויט דער נייער רעדאַקציע האָט מען שוין ניט געדאַרפט זיין דווקא אַ שטענדיקער איינוואוינער פון ווילנע, נאָר עס איז רעכט געווען, אַז מ׳האָט געוואוינט אין ווילנע די לעצטע 10 חדשים. דער פּונקט פון קענען פּויליש איז אויך בטל געוואָרן, און הגם עס איז נאָך געבליבן דער מאָמענט פון אַ פאַרגרעסערטער ווילנע, וואָס האָט געצילט קעגן די יידישע אינטערעסן, האָבן דאָך די פאָרשטייער פון אַלע יידישע פּאָליטישע גרופּירונגען (אַחוץ די סאָציאַליסטישע) אויף אַן אַלגעמיינער באַראַטונג באַשלאָסן, אַז אָנשטאָט צו פירן די טאַקטיק פון באָיקאָט, איז גלייכער יאָ צו נעמען אַן אָנטייל אין די וואַלן און ערשט אין שטאָטראַט קעמפן פאַר דער אויסבעסערונג פון דער וואַלסיסטעם און בכלל פאַר די יידישע אינטערעסן.

נאָך דעם דערמאָנטן באַשלוס האָבן די יידישע גרופּירונגען געשיקט זייערע פאָרשטייער אין אַלגעמיינעם וואַל־קאָמיטעט, וועלכער איז דורך דער רעגירונג פאַרטרויט געוואָרן דעם ה׳ סטרומילאַ. די יידישע פאָרשטייער אין וואַלקאָמיטעט זיינען געווען: ד״ר וויגאָדסקי, ש. קאַץ און אברהם זאַלקינד.

אָבער באַלד ווי די יידישע פאָרשטייער זיינען צוגעטראָטן צו דער אַרבעט האָבן זיי שוין אַיינגעזען, אַז דער יידישער באַפעלקערונג שטייט פאָר אַ גרויסער דורכפאַל ביי די קומענדיקע וואַלן צוליב דעם, ווייל די גאַנצע צוגרייטונגס־אַרבעט איז שוין כמעט געווען אָפּגעטאָן אָן דעם אָנטייל פון די יידישע פאָרשטייער. די רשימות פון די גאַסן און הייזער זיינען געווען פאַרפאַרטיקט דורך פּוילישע רעגיסטראַטאָרס, וועלכע זיינען געגאַנגען איבער די הויפן און הייזער צו רעגיסטרירן אַלע וואַל־באַרעכטיקטע און אָט די רעגיסטראַציע פון די צופעליקע פּוילישע פרייוויליקע, וועלכע איז פאָרגעקומען אָן שום קאָנטראָלע, האָט דאָס געדאַרפט דינען אַלס מאָסגעבנדיקער מאַטעריאַל צו די וואַלן.

אויף דער באַראַטונג פון די יידישע גרופּירונגען איז באַשלאָסן געוואָרן צו בילדן אַ גאַנץ באַזונדערן וואַל־קאָמיטעט, וועלכער זאָל נעמען אויף זיך די עובדה מתקן צו זיין ווי ווייט מעגלעך די פעלערן, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן דורך דעם אַלגעמיינעם וואַל־קאָמיטעט. די שטאָט איז צעטיילט געוואָרן אין באַזונדערע יידישע וואַל־ביוראָען, וואו אַ יידישער באַאַמטער פלעגט די יידישע וויילער געבן די נייטיקע אינפאָרמאַציעס. עס זיינען דאָרטן געווען אויך ספּעציעלע מענטשן, וועלכע פלעגן צונויפזאַמלען פּעסער פון די יידישע וויילער און מיט זיי אַוועקגיין אין די אַלגעמיינע וואַל־ביוראָען נאָכזען, צי זיי זיינען אַריינגעטראָגן

געוואָרן אין די וואַל=ליסטעס. בראש פון יידישן וואַל=קאָמיטעט האָט זיך געשטעלט ד״ר וויגאָדסקי, אַלס אָפיציעלער באַפולמעכטיקטער פון דעם יידישן וואַל=קאָמיטעט איז באַשטימט געוואָרן ה׳ מנחם באַלבערישסקי.

שוין ביים צוטרעטן צו דער אַרבעט האָט דער יידישער וואַל=קאָמיטעט איינגעזען, אַז עס שטייט אים פאָר אַ שווערע אַרבעט. אויף 50 טויזנט קריסטן זיינען געווען אַריינגעטראָגן אין די ליסטעס 21 טויזנט יידן. עס זיינען סיסטעמאַטיש דורכגעלאָזט געוואָרן גאַנצע יידישע קוואַרטאַלן, גאַסן און הייזער. דער יידישער וואַל=קאָמיטעט האָט גלייך אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו דער יידישער באַפעלקערונג, אַז יעדער איינציקער איז מחויב גלייך צו ווענדן זיך אין וואַל=ביוראָ פון זיין ראַיאָן און נאָכזען, צי ער איז אַריינגעטראָגן אין די רשימות פון די וויילער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין די אַלגעמיינע ביוראָען אין יידישן צענטער, די נומערן 1, 28 און 29, זיינען דורכגעלאָזט געוואָרן 1350 יידישע וויילער. אינגאַנצן האָט די שטאָט געהאַט 31 ביוראָען, קען מען זיך פאָרשטעלן, וויפיל יידישע וויילער זיינען דורכגעלאָזט געוואָרן!

צוזאַמען מיט דער אַרבעט פון די וואַל=קאָמיטעטן האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ אינטענסיווע אַגיטאַציע פון די יידישע און קריסטלעכע פאַרטייען.

פון יידישן צד האָבן גענומען אַן אָנטייל אין וואַל=קאַמף די פאָלגנדע 5 גרופּעס: די ציוניסטן, דעמאָקראַטישע פאַרטיי, סוחרים, האַנטווערקער און הויזבאַזיצער.

די יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען האָבן קיין אָנטייל אין די וואַלן ניט גענומען צוליב טאַקטישע טעמים.

פון דער פּוילישער באַפעלקערונג האָבן זיך באַטייליקט אין די וואַלן: די ענדעקעס (נאַציאָנאַל=דעמאָקראַטן), די פּוילישע „קראַיאָוועצעס״—דעמאָקראַטן און די סאָציאַליסטישע פאַרטיי פּ. פּ. ס.

מיט אַ באַזונדערער ליסטע זיינען אַרויסגעטראָטן די ווייסרוסן. די ליטווינער האָבן קיין אָנטייל אין די וואַלן ניט גענומען.

אין די ערשטע טעג סעפּטעמבער 1919 האָט זיך אין ווילנע צעפלאַקערט די וואַל=קאָמפּאַניע. די ווענט פון שטאָט זיינען מיט אַמאָל געוואָרן פאַרקלעפּט מיט פאַרשיידענע אויפרופן, פּלאַקאַטן, פון אַלע פאַרטייען און גרופּירונגען, וועלכע האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין וואַל=קאַמף יעדערער אויף זיין שטייגער. אַזוי, למשל, האָט די פּוילישע ענדעציע (צעטל נומער 1) באַזונדערס באַטאָנט אין אירע אויפרופן צו די וויילער, אַז זי וועט פירן אַ קאַמף מיט די יידן. „ווילט איר, אַז די שטאָט ווילנע זאָל געהערן צו פּוילן און ניט צו יידן, זאָלט איר שטימען פאַרן צעטל № 1״—איז געווען דער הויפּטלאָזונג פון איר אַגיטאַציע, וואָס האָט ביי די דאַמאָלסטיקע פאַרשאַרפטע יידיש=פּוילישע באַציאונגען שטאַרק געווירקט אויף דעם פינסטערן המון. די סאָציאַליסטישע פּ. פּ. ס. האָט אין אירע וואַל=אויפרופן באַטאָנט, אַז דער וואָס וויל האָבן איבער זיך אַ שטעקן איבער די פּלייצעס, זאָל שטימען פאַרן צעטל נומער 1. דער 1 איז אַ ריכטיקער סימן פון אַ שטעקן, וואָס די ענדעציע גרייט אָן פאַר דער באַפעלקערונג.

פון די יידישע גרופּירונגען האָט באַזונדערס זיך געלאָזט קאָסטן מי און געלט די סוחרישע גרופּע. די סוחרים האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ סוחרים=פאַרבאַנד, וועלכער האָט צו די וואַלן ממש פאַרשאָטן די שטאָט מיט זיינע אויפרופן. דער הויפּט=לאָזונג, אונטער וועלכן די גרופּע איז אַרויסגעטראָטן, איז געווען די באַשיצונג קעגן שטייערן. „ווילט איר, אַז די שטייערן זאָלן ניט פאַלן אויסשליסלעך אויף די סוחרים, זאָלט איר שטימען פאַרן צעטל נומער 3״—איז געווען דער לייט=מאָטיוו פון זייער וואַל=אַגיטאַציע. אויסער די פּלאַקאַטן, אויפרופן, צייטונגס=אַנאָנסן וכדומה האָט נאָך די סוחרים=גרופּע צום טאָג פון די וואַלן אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעלע צייטונג, וואו עס זיינען צווישן אַנדערע אַגיטאַציע=אַרטיקלען, אויך געווען געדרוקט אויספירלעכע ביאָגראַפיעס פון אירע קאַנדידאַטן, זייער טעטיקייט אַלס כלל=טוער און סוחרים ביז די קליינלעכסטע פּרטים, וואָס ס׳האָט געגעבן גענוג שטאָף די צייטונגס=פּעליעטאָניסטן. אַ שטאַרקן אָנטייל אין דער וואַל=אַגיטאַציע האָבן אויך גענומען די ווילנער ציוניסטן. די פּלאַקאַטן און אויפרופן „שטימט פאַרן צעטל נומער 6 פון די ציוניסטן!״ זיינען געווען אויסגעקלעפּט איבער אַלע ווינקלען פון שטאָט, הגם אין דער גאַנצער וואַל=ליטעראַטור זייערער זיינען ניט געווען אָנגעוויזן די ספּעציעלע ציוניסטישע אויפגאַבן, וועלכע זיי רעכענען דורכצופירן אָדער קעמפן פאַר זיי אין די ווענט פון שטאָטראַט.

אַ גאַנץ אינטענסיווע טעטיקייט האָט אויך אַרויסגעוויזן די יידישע דעמאָקראַטישע פאַרטיי, וועלכע איז צוגעטראָטן צו דער וואַל=אַגיטאַציע, הגם מיט זייער קליינע געלט=מיטלען, אָבער מיט דער פעסטער זיכערקייט אין דעם צוטרוי פון די ברייטע מאַסן וויילער.

די יידישע האַנטווערקער האָבן אין זייער וואַל=אַגיטאַציע באַטאָנט דעם שטאַנדפּונקט, אַז די האַנטווערקער דאַרפן האָבן „אַן אייגענעם״ מענטשן, אַ האַנטווערקער אין שטאָטראַט. דאָס זעלביקע האָבן באַטאָנט די יידישע הויזבאַזיצער.

אין די וואַלן האָבן זיך באַטייליקט אַן ערך 40 טויזנט וויילער אין דעם אַ 14—15 טויזנט יידן. אַזוי ווי אין די וואַל=ליסטעס זיינען געווען אַריינגעטראָגן אַרום 60 טויזנט וויילער קומט אַלזאָ אויס, אַז אין די וואַלן האָבן אָנטייל גענומען אומגעפער 2 דריטל פון די פאַררעגיסטרירטע אין די וואַל=ליסטעס.

הגם די וואַלן זיינען אָפיציעל און פאָרמעל ערקלערט געוואָרן אַלס פרייע, האָט די יידישע באַפעלקערונג דאַן געהאַט אויסצושטיין אַ סך שטערונגען הן אין דער צוגרייטונגס=אַרבעט צו די וואַלן, הן אין דעם טאָג פון די וואַלן גופא. אויסער די שוין דערמאָנטע צרות מיט דער רעגיסטראַציע און מיט דעם קינסטלעך פאַרגרעסערטן שטח פון שטאָט, זיינען נאָך פאָרגעקומען אַ סך פאַלן פון פלאַנמעסיקן קאַמף קעגן יידישן וויילער. אַזוי, למשל, האָט מען אין עטלעכע יידישע ראַיאָניקע וואַל=קאָמיטעטן אַראָפּגעריסן די שילדן (№ 4 און № 5), אַזוי אַז די יידישע וויילער פון די ראַיאָנען האָבן ניט געוואוסט וואו זיך צו מעלדן נאָך די נייטיקע אינפאָרמאַציעס. אויך האָט דער פּוילישער מאַגיסטראַט אָפּגעטאָן אַ שפּיצל דעם צענטראַלן יידישן וואַל=קאָמיטעט: דער צענטראַלער יידישער וואַל=קאָמיטעט האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו דער יידישער באַפעלקערונג, וועגן דער נייטיקייט צו גיין צו די וואַלן, ערקלערנדיק דערביי די געהעריקע וואַל=תקנות. דער אויפרוף אין אַ פאָר הונדערט עקזעמפּלאַרן איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם מאַגיסטראַט אויסצוקלעפּן איבערן שטאָט (דעם מאַגיסטראַט געהערן די קיאָסקן, וואו די אויפרופן האָבן געדאַרפט אויסגעקלעפּט ווערן). דער רעזולטאַט איז אָבער געווען, אַז פון די פאָר הונדערט אויפרופן האָט מען געפונען אין גאַנץ שטאָט אויסגעקלעפּט נאָר 5 עקזעמפּלאַרן, אי דאָס אין די קריסטלעכע קוואַרטאַלן!

אויך פלעגט מען זיך שטאַרק בינדן צו די יידישע וויילער, וועלכע פלעגן קומען אין די אַלגעמיינע ביוראָען פאָדערן, מ׳זאָל זיי אַריינשרייבן אין די וואַל=ליסטעס. ביי דער קלענסטער פּגימה אין פּאַס פלעגט מען דעם יידישן וויילער אָנטזאָגן צו פאַררעגיסטרירן אים, בשעת ווען די קריסטן פלעגט מען אָן איבעריקע חקירה=ודרישות אַריינטראָגן אין די ליסטעס.

ווען דער פאָרזיצער פון דעם יידישן צענטראַלן וואַל=קאָמיטעט ד״ר וויגאָדסקי האָט זיך געווענדט צו דער אַלגעמיינער וואַל=קאָמיסיע מיט אַ פאָדערונג, אַז מ׳זאָל ערלויבן איינִיקע יידישע פאָרשטייער דורכקוקן די וואַל=רשימות פון די ניי=

צוגעשריבענע ווײלער, און אַגב פעסטשטעלן די אַלגעמײנע צאָל ייִדישע ווײלער, האָט מען אים דערין אַנטזאַגט מיטן אויסרייד, אַז די רשימות פון די ווײלער זײנען אַ סוד, צו וועלכן קײן „זײטיקע מענטשן" קענען ניט צוגעלאָזט ווערן.

גרויס שאָדן האָט געבראַכט דער באָיקאָט פון די וואַלן מצד די ייִדישע עקסט=לינקע פּאַרטײען, וואָס האָט שטאַרק פאַרקלע=נערט די ייִדישע פאָרשטײערשאַפט אין שטאָטראַט.

דער רעזולטאַט פון די וואַלן איז געווען, אַז די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט באַקומען גאַנצע 34 ערטער אויף דער אַלגע=מײנער צאָל 48 און די ייִדן בלויז 14. פון די דאָזיקע קריסט=לעכע מאַנדאַטן האָט גאַנצע 31 געקריגן די עקסט=רעכטע פּוילישע ענדעציע, 2 די סאָציאַליסטישע פּ. פּ. ס. און 1 די „קראַיאָווצעס"—דעמאָקראַטן.

די 14 ייִדישע ערטער האָבן זיך פאַרטײלט אַזוי: 6 די דעמאָקראַטישע פּאַרטײ, 4—די ציוניסטן*), 3—די סוחרים און 1—די האַנטווערקער. די ייִדישע הויזבאַזיצער און די ווײסרוסן זײנען פולשטענדיק דורכגעפאַלן, ניט קענענדיק דורכפירן אַפילו צו 1 דעפּוטאַט.

די ייִדישע ראַטמענער זײנען געווען:

1) פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטײ: ד"ר צ. שאַבאַד, ד"ר מאַקאָווער, אינזשעניער קלעבאַנאָוו, ד"ר גלאָבוס, סוחר יונה שאַפּיראָ, לערער ברוך לובאָצקי. נאָכן טויט פון ד"ר מאַקאָווער האָט זײן אָרט פאַרנומען לויט דער רײ פון דעם קאַנדידאַטן=צעטל ה' אַבראַמסאָן (בוכהאַלטער).

2) פון דער ציוניסטישער פּאַרטײ: ד"ר יעקב וויגאָד=סקי, אינזשעניער ספּיראָ, ד"ר קאַן און א. רודניצקי.

3) פון דער סוחרים=גרופּע: אינזשעניער אַדאָלף גאָרדאָן, סוחר שמואל ראָזענטאַל און אינזשעניער שאול טראָצקי.

4) פון די האַנטווערקער: אליעזר קרוק.

גלײך נאָך די וואַלן האָבן די אויסגעקליבענע ייִדישע ראַט=מענער אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג צו באַטראַכטן, אויב עס איז מעגלעך, ניט קוקנדיק אויף די חילוקי=דעות אין זײערע אָנשויאונגען, צו געפינען אַ וועלכן עס איז מאָדוס פאַר אַ געמײנזאַמער אַקציע און אַרויסטרעטונג אַלס אַ גאַנצע געשלאָסענע ייִדישע פראַקציע, באַ=זונדערס אין די פראַגן, וועלכע פאַראײניקן אַלע ייִדישע ראַטמענער, און נאָכדעם ווי די ציוניסטישע פאָרשטײער האָבן נאָכגעגעבן דער דעמאָקראַטישער פּאַרטײ בנוגע דער פראַגע פון ייִדיש אַלס אָפיציעלע נאַציאָנאַלע שפּראַך, האָט זיך ווי עס איז אַײנגעגעבן צו פאַראײניקן אַלע ייִדישע ראַטמענער אין אַ ייִדישע פראַקציע. די נײ געבילדעטע ייִדישע פראַקציע האָט אָפּגעהאַלטן אַ גאַנצע רײ זיצונגען, אויף וועלכע עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן די פּראָגראַם פון דער אַרבעט פאַר דער נאָענטסטער צוקונפט.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די ערשטע אַקציע פון דער ייִדישער פראַקציע דאַרף זײן זיך צו ווענדן צו דער מאַכט מיט אַ פאָדערונג מבטל צו מאַכן די וואַלן, צוליב די פאַרשײדענע עוולות, וואָס זײנען אָפּגעטאָן געוואָרן צו ייִדן סײ בײם אַרײנטראָגן זײ אין די רשימות פון די ווײלער, סײ דורך דער פיקציע „גרויס=ווילנע", ווי אויך צוליב פאַרשײדענע רײן פאָרמעלע טעמים**),

*) די ציוניסטן האָבן דורכגעפירט נאָר 3 ראַטמענער, אָבער זײ האָבן זיך באַנוצט מיט די רעשטלעך פון די איבעריקע ייִדישע פּאַרטײען און באַקומען אַ פערטן דעפּוטאַט.

**) די פאָרמעלע טעמים זײנען געווען אַזעלכע: 1) פאַר דעם ביוראָ נומער 5 איז אָנגעוויזן געוואָרן דער אַדרעס ברײטע גאַס הויז נומער 5, בשעת ווען דאָרטן איז גאָר קײן ביוראָ ניט געווען. 2) אין דעם ביוראָ נומער 2 האָט מען אין טאָג פון די וואַלן אָנגעהויבן צו אַרבעטן 7 אַ זײגער





וועלכע גיבן, לויט דער אָרדינאַציע פון די וואַלן, דאָס רעכט צו פאָדערן אָנערקענען די וואַלן פאַר פּסול.

אויסאַרבעטן די קאַסאַציע האָט גענומען אויף זיך דער יוריסט=קאָנסולט פון דער קהילה ה' עמנואל סמילג און דעם 23=טן סעפּטעמבער איז זי איבערגעגעבן געוואָרן אין דער קאַנצעלאַריע פון דער ציוויל=פאַרוואַלטונג פאַר די מזרח=קאַנטן. די קאַסאַציע איז אונטערגעשריבן געוואָרן דורך ד"ר יעקב וויגאָדסקי, אַלס פאָרזיצער פון ייִדישן וואַל=קאָמיטעט, מנחם באַלבערישסקי, פאָרשטײער פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטײ, פרוי קאַן, פאָר=שטײערין פון דער ציוניסטישער פּאַרטײ, ה' דינצעס, פאָרשטײ=ער פון די סוחרים און ה' יאַלאָווצער, פאָרשטײער פון די האַנטווערקער.

שוין אין אַ פּאָר טעג אַרום, דאָס הײסט שבת דעם 27=טן סעפּטעמבער, האָט זיך באַקומען פון דעם דאַמאָלסטיקן ווילנער גובערנאַטאָר ה' נעדזיאַלקאָווסקי אַ תשובה, אַז די קאַסאַציע ווערט אָפּגעוואָרפן—אַלס ניט באַגרינדעטע. קײן מאָטיוון, פאַרוואָס די קאַסאַציע איז ניט באַגרינדעט, זײנען ניט אָנגעגעבן געוואָרן.

פרײטאָג דעם 10 אָקטאָבער איז נאָכאַמאָל דורך די ייִדישע פאָרשטײער אָנגעגעבן געוואָרן אַ פאָדערונג וועגן קאַסירן די וואַלן, אָבער אויך די צווײטע קאַסאַציע איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן און אויף מיטוואָך דעם 22=טן אָקטאָבער איז באַשטימט געוואָרן די פײערלעכע עפענונג פון שטאָטראַט אין דעם פאַראַד=זאַל אויף דאָמיניקאַנער 3.

מיט אײניקע טעג פאַר דער עפענונג פון שטאָטראַט האָט די פּוילישע פראַקציע №1 געוואָלט אַרײנגײן אין אונטערהאַנד=לונגען מיט דער ייִדישער פראַקציע וועגן אויסאַרבעטן אַן אַלגע=מײנעם סדר=היום פון דער עפענונג. די ייִדישע פראַקציע האָט אָבער געפונען פאַר ניט מעגלעך אַרײנצוגײן אין וועלכע עס איז אונטערהאַנדלונגען מיט דער פּוילישער עקסט=רעכטער ענדעציע, און דער פאָרשלאָג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

ווען עס איז שוין באַשטימט געוואָרן אויף געוויס, אַז דער שטאָטראַט הײבט אָן גיכן אָן זײן טעטיקײט, האָט די ייִדישע פראַקציע אויף אײנער פון אירע זיצונגען באַהאַנדלט די פראַגע וועגן אַן אַלגעמײנער אַרויסטרעטונג, אין דער פאָרם פון אַ דעקלאַ=ראַציע, אין וועלכער עס זאָלן בפרטיות אַרויסגעזאָגט ווערן די

אינדערפרי אָנשטאָט דער לויטן רעגולאַמין אײנגעשטעלטער צײט 8 אַ זײגער. אין דער איבעריקער שעה האָט מען אָפּגענומען אַ סך שטים-צעטלעך פון קריסט-לעכע ווײלער, בשעת ווען דער ייִדישער פאָרשטײער פון דעם ביוראָ האָט דערפון גאָרניט געוואוסט. 3) אָנשטאָט די 165 קאָנטראָלערן, וואָס די ייִדן האָבן געהאַט רעכט צו שיקן איבער די 33 וואַלביוראָען (צו 5 אויף יעדן ביוראָ) האָט מען צוגעלאָזן נאָר 5 ייִדישע קאָנטראָלערן. 4) עס איז דערלאָזן געוואָרן אָנצוקלעפּן און צו טײלן די פּלאַקאַטן און אויפרופן פון ענדעקישן צעטל נומער 1 האַרט בײ דער טיר פון די ביוראָען, בשעת ווען לויטן פּונקט 3 פון די וואַל-תקנות קענען אַזעלכע פּלאַקאַטן און אויפרופן דערלאָזן ווערן ווײניקסטנס 50 קלאַפטער ווײט פון וואַל-ביוראָ. 5) אין ביוראָ נומער 13 זײנען צוגעלאָזט געוואָרן צו די ביכער פרעמדע, ניט קײן באַפולמעכטיקטע מענטשן און קײן קאָנטראָלע איז איבער די מענטשן ניט געווען. 6) דער פּונקט אין דער וואַל-אָרדינאַציע, אין וועלכן עס איז געזאָגט געוואָרן, אַז דער ווײ-לער דאַרף זײן אַ ווילנער אײנוואוינער 10 חדשים איז פאַלש אויסגעטײטשט געוואָרן דורך דער מאַכט אין דער הינזיכט, וואָס אָנשטאָט 10 חדשים ביז די וואַלן, האָט מען געפאָדערט פון די ייִדישע ווײלער 10 חדשים ביזן אַרויס-געבן די וואַל-תקנות, וואָס עס האָט אויסגעמאַכט אַ דיפערענץ אין אײניקע חדשים. 7) עס איז ניט אַרײנגעטראָגן געוואָרן אין פּראָטאָקאָל דער פאַקט, וואָס ד"ר וויגאָדסקי האָט אַלײן געכאַפּט, ווי בײ אַ סעקרעטאַר פון אַ וואַל-ביוראָ האָט זיך אין קעשענע אײנגעפונען 91 צעטלען מיטן №1 און 8) אין די פּראָטאָקאָלן פון די ביוראָען אין געווען אַ פולשטענדיקע אומאָרדענונג.

עקאָנאָמישע, קולטורעלע און נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, וואָס די ייִדישע באַפעלקערונג שטעלט אַרויס צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. וועגן דער דעקלאַראַציע איז אויסגעקומען זייער פיל זיך מתווכח צו זיין צווישן די ייִדישע ראַטמענער, ווייל די מעסיקערע עלעמענטן האָבן בשום אופן ניט געוואָלט איינגיין אויף איינּיקע שאַרפע שטעלן פון דער דעקלאַראַציע, עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז פאַרשיידענע פראַקציעס זאָלן אַרויסטרעטן מיט באַזונדערע דעקלאַראַציעס, נאָר לסוף איז מען דאָך איינגעגאַנגען אויף דער דעקלאַראַציע, וועלכע עס האָט אַרויסגעשטעלט די דעמאָקראַטישע פאַרטיי, מיט עטלעכע קליינע שינויים, וואָס די איבעריקע פראַקציעס האָבן אַריינגעטראָגן.

די ייִדישע דעקלאַראַציע איז אין דער ייִדישער שפּראַך געלייענט געוואָרן דורך דעם עלטסטן פון די ייִדישע פראַקציעס ה׳ ד״ר י ע ק ב  ו ו י ג אָ ד ס ק י און איז איבערגעזעצט געוואָרן אין פּויליש דורך ה׳ ספּירא. אָט איז דער גענויער טעקסט פון דער דעקלאַראַציע:

## די דעקלאַראַציע פון די ייִדישע ראַטמענער.

געערטע ראַטמענער!

מיר, ייִדישע ראַטמענער, באַדויערן זייער, וואָס מיר זיינען געצוואונגען שוין אויף דער ערשטער זיצונג פון דעם ניי־אויסגעווייילטן שטאָטראַט אַרויסצוטרעטן מיט אַ שאַרפן פראָטעסט קעגן די אַלערליי עוולות, וואָס זיינען באַגאַנגען און צוגעלאָזן געוואָרן בנוגע צו אונז פאַר און ביי די וואַלן צום שטאָטראַט.

די דערמאָנטע עוולות זיינען אין זייער איכות און כמות צו גרויס און צו שטאַרק פאַרבונדן צווישן זיך מיט אַ געוויסער פּלאַנמעסיקייט, וועלכע וואַרפט זיך אין די אויגן,—אַז מ׳זאָל אויף זיי קענען קוקן, ווי אויף ציפעליקייטן.

ניט אָפּשטעלנדיק זיך אויף קלענערע ענינים גייען מיר אַריבער צו די הויפּט־מאָמענטן:

נאָך איידער ס׳איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די וואַל־אָרדינאַציע, איז, אַלס אַ הקדמה צו איר, אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ געזעץ, לויט וועלכן דער שטח פון דער שטאָט ווילנע איז פאַרגרעסערט געוואָרן מערער, ווי אויף $2^1/_2$ אין פאַרגלייך מיטן פריערדיקן שטח, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די באַפעלקערונג האָט זיך אין פאַרלויף פון דער מלחמה פאַרקלענערט אויף אַ העלפט. עס איז קלאָר, אַז אָט די קינסטלעכע פאַרגרעסערונג פון דעם שטח פון ווילנע איז אַרויסגערופן געוואָרן ניט צוליב ס אָ צ י אַ ל־פּאָליטישע טעמים, נאָר צוליב נ אַ צ י אָ נ אַ ל־פּאָליטישע: כדי צו פאַרוואַנדלען די ייִדישע העלפט פון דער באַפעלקערונג אין אַ מינדערהייט.

די וואַל־אָרדינאַציע איז אַפילו, אחוץ עטלעכע קליינע חסרונות, אַ דעמאָקראַטישע, זי איז אָבער פּאַקטיש אַזוי דורכגעפירט געוואָרן, אַז די צאָל ייִדישע וויילער איז דערביי זייער שטאַרק פאַרקלענערט געוואָרן. קודם־כל האָט מען פאַררעגיסטרירט אין די וואַל־רשימות זייער ווייניק ייִדן, ווייניקער ווי אַ העלפט פון דער ווירקלעך־וואַלבארעכטיקטער ייִדישער באַפעלקערונג. גאַנצע הייזער, וועלכע זיינען באַוואוינט פון ייִדן זיינען דורכגעלאָזן געוואָרן. אין אַ סך הייזער פון די ייִדישע קוואַרטאַלן זיינען די ייִדן דורכגעלאָזן געוואָרן און עס זיינען אַריינגעשריבן געוואָרן נאָר די קריסטלעכע איינוואוינער.

אין די 10 טעג פון דער רעקלאַמאַציע האָבן מיר ביי דער גרעסטער אָנשטרענגונג קוים באַוויזן אַריינצוטראָגן אין די רשימות נאָך 10.000 ייִדישע וויילער, איבערלאָזנדיק נאָך אַ היבשן טייל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג ניט קיין איינגעשריבענע אין די וואַל־רשימות. אַ סך פון די אַריינגעטראָגענע דורך אונז אין די רשימות זיינען צום טאָג פון די וואַלן על פּי נס פאַרשוואונדן פון די וואַל־ליסטעס און זיינען דעריבער צו די אורנעס ניט צוגעלאָזן געוואָרן.

די אויבנדערמאָנטע טעמים און נאָך אַנדערע, אויף וועלכע מיר ווילן זיך דאָ ניט אָפּשטעלן, האָבן גורם געווען דערצו, אַז ייִדן זיינען געוואָרן פון אַ העלפט באַפעלקערונג נאָר אַ קליינע מינדערהייט און אַז ביים אָנשטרענגען אונזערע כוחות האָבן מיר געקענט דורכפירן נאָר 14 ייִדישע ראַטמענער קעגן 34 פּוילישע!





אין נ אָ מ ע ן  פ ו ן  ד ע ר  ו ו י ל נ ע ר  י י ד י ש ע ר  ב אַ פ ע ל ק ע ר ו נ ג הייבן מיר אויף קעגן דעם אונזער שאַרפסטן פּראָטעסט און מיר קאָנסטאַטירן, אַז דער איצטיקער צייטווייליקער שטאָטראַט, וועלכער שפּיגלט ניט אָפּ די ריכטיקע נאַציאָנאַלע פאַרהעלטעניש אין ווילנע, קאָן זיך ניט רעכענען פאַרן ריכטיקן פאָרשטאַנד פון דער גאַנצער ווילנער באַפעלקערונג.

אין דעם דערווייליקן שטאָטראַט גייען מיר דאָך, כדי צו באַשיצן אונזערע נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישע אינטערעסן, צוליב פרידלעכער פּראָדוקטיווער אַרבעט צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, מיט וועלכע מיר ווילן לעבן בשלום.

מיר שטרייכן דערביי אָבער אונטער, אַז מיר האָבן באַקומען פון אונזערע וויילער אַן אימפּעראַטיוון מאַנדאַט זיך צו פאַרנעמען אויסשליסלעך מיט די שטאָטישע ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע ענינים, בשום אופן ניט מיט קיין מלוכה־רעכטלעכע אָנגעלעגנהייטן.

---

1) בנוגע צו דער שטאָטישער ווירטשאַפט וועלן מיר צוזאַמען מיט די פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן שטיין דערפאַר, אַז די שטאָטישע אונטערנעמונגען ווי, דהיינו: טראַמוויי, וואַסערלייטונג, באַלייכטונג, קאַנאַליזאַציע, טעלעפאָנען וכדומה זאָלן מוניציפּאַליזירט ווערן, כדי די ברייטע שיכטן זאָלן האָבן די מעגלעכקייט צו געניסן פון זיי.

2) אין די מוניציפּאַלע אונטערנעמונגען וועלן מיר פאָדערן אַן 8־שעהדיקן אַרבעטסטאָג און אַלע באַדינגונגען פון אַרבעטער־שוץ.

3) מיר וועלן שטרעבן, אַז די באַשטייערונגען זאָלן זיין פּראָגרעסיווע, זאָלן פאַלן אויף די הכנסה, אויף דעם אייגנטום און אויף דעם קאָניונקטורעלן צווואוקס פון ווערטן.

4) אונזערע פאָרשטייער וועלן זען צו באַשיצן די אינטערעסן פון די ווייניק־באַמיטלטע שכנים. דערהויפּט וועלן מיר שטיין פאַר דעם, אַז די שטאָט־פאַרוואַלטונג זאָל בויען הייזער, כדי צו שאַפן פאַר די אַרבעטנדיקע מאַסן ביליקע דירות.

5) כדי צו באַקעמפן די גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט אין שטאָט, מוז די שטאָט־פאַרוואַלטונג תיכף ומיד צוטרעטן צום אָרגאַניזירן ברייט־פאַרצווייגטע, געזעלשאַפטלעך־נוצלעכע אַרבעט.

6) כדי אויף וויפיל עס איז מעגלעך צו לינדערן די נויט פון די אַרבעטסלאָזע, מוז דורך דער שטאָט־פאַרוואַלטונג געזיכערט ווערן פאַר זיי אַ געהעריקע מאַטעריעלע שטיצע אין דער פאָרם פון אומזיסטע אָדער ביליקע קיכן, טיי־הייזער וכדומה.

7) צו די הילפס־אַקציעס, וואָס זיינען אויסגערעכנט געוואָרן אין די אויבנדערמאָנטע פּונקטן, דאַרפן אויך צוגעצויגן ווערן די פאַראינטערעסירטע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן.

8) דער שטאָטראַט דאַרף ווידמען זיין אויפמערקזאַמקייט, כדי צוריק אויפצובויען די היגע צערואינירטע אין משך פון דער מלחמה קליינפּראָדוקציע, מיט וועלכער עס באַשעפטיקט זיך אַ גרויסער טייל פון דער ווילנער באַפעלקערונג.

9) די שטאָט־פאַרוואַלטונג דאַרף אָננעמען אַלע מיטלען, כדי אויפצולעבן דעם האַנדל און אינדוסטריע פון שטאָט ניט מאַכנדיק דערביי קיין שום אונטערשייד צווישן וועלכע ניט איז נאַציאָנאַליטעטן, און צו באַזייטיקן אַלע שטערונגען, וועלכע לאָזן ניט נאָרמאַל זיך אַנטוויקלען אונזער עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעכן לעבן פון שטאָט.

10) נעמענדיק אין באַטראַכט דעם קריטישן מצב פון דערנערונג אין שטאָט, וועלן מיר שטרעבן דערצו, אַז די שטאָט־פאַרוואַ[illegible]ג זאָל באַזאָרגן די ברייטע מאַסן פון דער באַפעלקערונג מיט ביליקע לעבנסמיטל־פּראָדוקטן. אַלע דערנערונגס־רעסורסן, וועלכע די שטאָט וועט פאַרמאָגן, מוזן יושרדיק פאַרטיילט ווערן צווישן אַלע נאַציאָנאַליטעטן אין שטאָט.

11) מיר וועלן ווידמען אונזער אויפמערקזאַמקייט, אַז די היגע סאַניטאַר־היגיענישע, ווי אויך פאַרשיידענע אַנדערע אינסטיטוציעס פון וואוין־איינריכטונג זאָלן פאַרשפּרייט ווערן הויפּטזעכלעך אויף די טיילן פון שטאָט, וואו עס זיינען צונויפגעפּרעסט גרויסע שיכטן פון דער אָרימער באַפעלקערונג.

12) מיר וועלן שטרעבן דערצו, אַז די שטאַטישע ווירטשאַפט, וועלכע איז פאַרלאָזן געוואָרן אין דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה, זאָל ראַדיקאַל אויסגעבעסערט ווערן.

---

בנוגע צו די ספּעציעלע יידישע אָנגעלעגנהייטן וועלן מיר פאָדערן:

א) די יידישע שפּראַך, די שפּראַך פון ⅕ העלפט ווילנער באַפעלקערונג זאָל אָפיציעל און פאַקטיש אָנערקענט ווערן, אַלס איינע פון די אָרטיקע שפּראַכן. זי מוז אָנערקענט ווערן אַלס גלייכבאַרעכטיקטע אין אַלע שטאָטישע אַנשטאַלטן. דער יידישער באַפעלקערונג מוז געגעבן ווערן די מעגלעכקייט זיך צו פאַרשטענדיקן שריפטלעך און מונדלעך אין אַלע שטאָטישע אַנשטאַלטן אויף יידיש. דאָס קאָן דורכגעפירט ווערן נאָר דאַן, ווען אין אַלע אַנשטאַלטן וועלן זיך געפינען אויך יידישע אָנגעשטעלטע אין אַ געהעריקער צאָל.

ב) אַלע שטאָטישע פאַראָרדענונגען דאַרפן צוגלייך מיט אַלע אָרטיקע שפּראַכן פאַרעפנטלעכט ווערן אויך אין יידיש.

ג) די שטאָט-קאַסע מוז אויסהאַלטן און אונטערשטיצן אין דער געהעריקער פּראָפּאָרציע אַלע יידישע קולטורעלע אינסטיטוציעס, ווי שולן, טעאַטערס, ביבליאָטעקן א. א. וו.

ד) די פולשטענדיקע קאָמפּעטענץ אויף די דאָזיקע יידישע אַנשטאַלטן, האָט אויסשליסלעך די יידישע קהילה, וועלכע שטעלט פאָר מיט זיך דעם אָרגאַן פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

די סומען, וועלכע ווערן דערמאָנט אין פריערדיקן פונקט, ווערן אַרויסגעגעבן צום פאַרטיילן דער קהילה, וועלכע רעפּרעזענטירט מיט זיך דעם גאַנצן יידישן קיבוץ, און איז די שטענדיקע פאַרטרעטערין פון דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג.

ה) עס מוזן אויסגעהאַלטן ווערן פון דער שטאָט, גלייכצייטיק מיט די אַלגעמיינע, אויך די יידישע אינסטיטוציעס פון סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, ווי יתומים-הייזער, קראַנקנהייזער, מושב-זקנימס א. אַז. וו.

ו) עס זאָלן אומבאַדינגט גלייכבאַרעכטיקט, צוגעלאָזן ווערן די יידישע צרבעטנדיקע מאַסן צו די פרייע ערד-פּלעצער, וואָס געהערן דער שטאָט און ווערן אַרויסגעגעבן פּריוואַטע פּערזאָנען צום באַאַרבעטן.

ז) ביי דער דורכפירונג פון דער מוניציפּאַליזאַציע וועלן מיר קעמפן קעגן דעם, אַז מען זאָל אויסנוצן די מוניציפּאַליזירונג פאַר אַ מיטל אַרויסצושטופּן די יידן פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

ח) עס זאָלן צוגעלאָזן ווערן צו אַלע שטאָטישע אַרבעטן יידישע אַרבעטער אָן שום באַגרעניצונגען. עס זאָלן צוגעלאָזן ווערן אין אַלע שטאָטישע אונטערנעמונגען און אַנשטאַלטן יידישע אָנגעשטעלטע, באַאַמטע און פאַכלייט.

ט) די אַלע אַרבעטער פון די שטאָטישע אונטערנעמונגען דאַרף געגעבן ווערן דאָס רעכט צו רוען שבתים און יידישע יום-טובים.

י) יידישע סוחרים דאַרפן האָבן דאָס רעכט צו רוען שבתים און יידישע יום-טובים און פירן אומגעשטערט זייער אַרבעט אום זונטאָג און קריסטלעכע יום-טובים אָן קיינע באַגרעניצונגען.

(אַפּלאָדיסמענטן צווישן די יידישע ראַטמענער און צווישן אַ טייל פון פּובליקום).

נאָכדעם ווי עס איז פאָרגעלייענט געוואָרן די יידישע דעקלאַראַציע זיינען אַרויסגעטראָטן די פאָרשטייער פון דער פּוילישער ענדעציע (№ 1), וועלכע האָבן געזאָגט, אַז, ניט וועלנדיק שטערן דער פייערלעכער עפענונג פון שטאָטראַט, האָבן זיי היינטיקן מאָל דערלאָזט די יידישע ראַטמענער אַרויסצוטרעטן אין יידיש, זיי וואָרענען אָבער, אַז אויף ווייטער וועלן זיי ניט ערלויבן, אַז אין ווילנער שטאָטראַט זאָל מען אַרויסטרעטן מיט רעדעס אויף אַן אַנדער שפּראַך ווי פּויליש. זיי האָבן זיך אַגב געשטיצט אויף אייניקע פונקטן פון ווערסאַלער אָפּמאַך, לויט וועלכע עס קומט אויס, אַז יידן מוזן באַנוצן אין די עפנטלעכע אינסטיטוציעס נאָר די מלוכה-שפּראַך.

ד״ר וויגאָדסקי האָט אין זיין תשובה אויף דער פּוילישער אַרויסטרעטונג באַטאָנט, אַז די יידישע באַפעלקערונג ווייס ניט וועגן דעם, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן דאָרטן אין ווערסאַל בנוגע דער יידישער שפּראַך. — אויף צו קעמפן פאַר דעם רעכט פון דער יידישער שפּראַך, דאַרף די יידישע באַפעלקערונג ניט האָבן קיין לעגיטימאַציע פון ווערסאַל, דאָס איז אַ פאַקט פון לעבן און איינע פון די וויכטיקסטע נאַציאָנאַלע יידישע פאָדערונגען, אויף וועלכע די יידישע באַפעלקערונג וועט קיינמאָל ניט מוותר זיין.





בכלל איז די פראַגע וועגן יידיש אין שטאָטראַט ניט איינמאָל געווען די סיבה פון אָפטע אויפרעגונגען און אַפילו סקאַנדאַלן. דער פּלענום פון שטאָטראַט האָט בשום אופן ניט דערלאָזן, אַז מ׳זאָל באַנוצן אויף די זיצונגען אַן אַנדער שפּראַך אויסער פּויליש. אויף איינער פון די זיצונגען פון שטאָטראַט, ווען עס איז געקומען צו אַזאַ קאָנפליקט צוליב יידיש, איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצוקלייבן אַ קאָמיסיע, וועלכע זאָל ברענגען צו אַ וועלכער עס איז פאַרשטענדיקונג בנוגע דער שפּראַך-פראַגע אין שטאָטראַט.

פון דער יידישער זייט זיינען אויסגעקליבן געוואָרן ד״ר שאַבאַד, ד״ר וויגאָדסקי און ש. טראָצקי.

ווען די קאָמיסיע איז זיך צוזאַמענגעקומען, האָט זיך אָנגעהויבן אַ דינגעריי מצד די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן געוואָלט נאָכגעבן די יידישע פאָרשטייער נאָר אין דעם, אַז אויף די קאָמיסיעס זאָל ערלויבט ווערן צו ריידן אין יידיש, אָבער ניט אין פּלענום. דער פאָרשלאָג פון די פּוילישע פאָרשטייער איז געווען ניט אָנצונעמען, ווייל פאַקטיש האָט געהאַט אַ זין צו פאָדערן, אַז יידיש זאָל באַרעכטיקט ווערן דווקא אין פּלענום, און ניט אין די קאָמיסיעס. אין פּלענום האָט עס ערשטנס אַ דעמאָנסטראַטיווע באַדייטונג פון אונזער אָפיציעלער פולבאַרעכטיקונג; אין פּלענום איז מעגלעך צו האָבן אַ איבערזעצער פון יידיש אויף פּויליש, בשעת ווען אין די קאָמיסיעס, וואו עס זיצן סך-הכל 7—8 מענטשן, וואָלט עס אַ סך מער געשטערט דער אַרבעט.

נאָך אַ ריי אונטערהאַנדלונגען, ווען די פּוילישע פאָרשטייער זיינען ניט איינגעגאַנגען אויף קיין פאָרשלאָג, האָט דאָס די יידישע פאָרשטייער אַזוי ווייט אויפגערעגט, אַז ד״ר וויגאָדסקי האָט מיט גרויס כעס געמאַכט די פּאָליאַקן פאָלגנדיקע מעלדונג:

„געדענקט זשע, אַז איר ווילט אונז ניט נאָכגעבן אין איינער פון די גערעכטסטע פאָדערונגען זונזערע! מיינט ניט, אַז דאָס וועט אונז מאַכן אַפּהענטיק. ביי די ערגסטע באַדינגונגען וועלן מיר דאָך פירן ווייטער אונזער קאַמף פאַר אונזער פאָלקסשפּראַך. מיר האָבן שוין געפּרובירט האָבן דאָ אין ווילנע אָקופּאַנטן אַ סך שטאַרקערע פון אייך און דאָס האָט אונז אויך ניט אָפּגעשראָקן פון צו פירן אונזער קאַמף און איר מעגט זיין זיכער, אַז ביי אַ קומענדיקער אָקופּאַציע פון אַן אַנדער מאַכט, וועלכע וועט באַשטימט וועלן אונטערדריקן ניט נאָר אונז יידן, נאָר אַפילו אייך פּאָליאַקן, וועלן מיר יידן זיין די ערשטע, וועלכע וועלן זיך שטעלן צום פאַרטיידיקן אייערע רעכט, ניט קוקנדיק אויף אייער איצטיקער פרעכער האַנדלונג בנוגע צו אונז".

מיט די ווערטער האָט זיך דער רעדנער אויפגעהויבן פון אָרט און אַ קלאַפּ טוענדיק מיט דער טיר פאַרלאָזן דעם זאַל, איבערלאָזנדיק אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט די פּוילישע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע.

ד״ר שאַבאַד איז דאַן אַרויסגעטראָטן מיט פאָלגנדיקער רעדע:

„ווען ביז איצט, איז אונזער שמועס געווען אַ פּריוואַטער, איז ער איצט אַזוי צו זאָגן „אַ פּריוואַטיסימער". יעדערער פון אונז רעדט איצט פון אייגענעם נאָמען. אייער אָנווייזן אויף דער פאָרמעלער זייט פון דער זאַך איז פאַלש. זאָגט, אַז איר ווילט ניט אַליין צולאָזן יידיש אין פּלענום פון שטאָטראַט. וואָרים איך קאָן מיינען, אַז דאָס, וואָס אין דער פאַראָרדענונג פון גענע-

ראַל־קאָמיסאַר זיינען אַלס אָרטיקע שפּראַכן אין דעם פון די פּאָליאַקן אָקופּירטן געביט אָנערקענט נאָר ליטוויש, ווייסרוסיש און אוקראַיניש, און יידיש איז ניט דערמאָנט,—איז נאָר אַ מיספאַרשטייעניש. איך קאָן זיך ניט פאָרשטעלן, אַז ווער עס איז זאָל האַלטן פאַר מעגלעך צו לאָזן ריידן למשל אין ווילנע אויף ליטוויש, אויף וועלכער עס רעדט 2—3 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג און ניט לאָזן ריידן אויף יידיש, וואָס ווערט גערעדט פון לכל־הפחות 40 פּראָצענט פון די אַיינוואוינער. סיידן דער מחבר האָט זיך אַן עצה געהאַלטן מיט וועמען עס איז פון די אַסימילאַטאָרן פון משה־רבנוס גלויבן.

„אַייער אָנווייז, אַז איר מוזט זיך האַלטן פאַרן געזעץ, כל־זמן ער עקסיסטירט, אַניט וועט ניט זיין קיין אָרדענונג אין קאַנט, איז אויך ניט ריכטיק. איר ווייסט זייער גוט, אַז אויב אַייער מערהייט וועט ניט פּראָטעסטירן און ניט מאַכן קיין סקאַנדאַל אין דומע, וועט די „אָרדענונג" אין שטאָט ניט געשטערט ווערן, און דער גענעראַל־קאָמיסאַר האָט מסתמא גרעסערע דאגות, ווי צו זען, אַז די יידישע ראַטמענער זאָלן ניט ריידן חס־ושלום קיין יידיש. אָט איז דאָך אַייער ראַטמאַן זאָגאַר זייער שאַרף און עפנטלעך אַרויסגעטראָטן קעגן אָסמאָלאָווסקין אַליין. איר ווילט, אַז אומעטום אין די מזרח־געביטן, זאָלן דורכגעפירט ווערן די זעלבע תקנות וועגן יידיש. דאָס איז דאָך אָבער אוממעגלעך. איך בין, למשל, איבערצייגט, אַז אין דער מינסקער שטאָט־דומע, וואו די פּאָליאַקן האָבן אַפילו קיין מערהייט ניט, וואו אויף 17 פּאָליאַקן זיינען דאָ 17 יידן און 10 רוסן, וועלן די רוסן געוויס ריידן רוסיש (וואָס איז דאָך אויך פאַרווערט) און די יידן, אויב זיי פאַרשטייען זייער נאַציאָנאַלן כבוד, ווי מיר, וועלן מסתמא אויך ריידן יידיש. וועט איר דאָס דאָרטן אויך פאַרווערן? און אין גראָדנע און אין ביאַליסטאָק, וועלכע זיינען נעענטער צו וואַרשע, ווי ווילנע, האָט מען אין די שטאָט־דומעס אויך גערעדט (איך ווייס ניט, ווי איצט), אויסער פּויליש, יידיש און רוסיש. טאָ וואו זיינען אַייערע איינהייטלעכע תקנות?

„איר לייגט פאָר, אַז מיר זאָלן זיך משתדל זיין ביי דער אָרטיקער מאַכט, די דאָזיקע פאַראָרדענונג זאָל אומגעענדערט ווערן. אויף דעם איז ערשט ניט די צייט. דאָס לעבן אַליין איז שטאַרקער ווי דער געזעץ, און יעדער געזעץ קאָן פאַרשיידן געטייטשט ווערן. אויף דעם ווערן טאַקע אויסגעאַרבעט רעגולאַמינס פון יעדן שטאָטראַט גופא פאַר זיין אייגענעם געברויך, צופּאַסנדיק זיך צו די אָרטיקע תנאים. אין איינעם פון די פּאַראַגראַפן פון די תקנות פאַר די שטאָט־פאַרוואַלטונגען איז געזאָגט געוואָרן, אַז ס'ווערן צוגעלאָזן אָרטיקע שפּראַכן, חוץ פּויליש, און יידיש מוזט איר רעכענען פאַר אַן אָרטיקער שפּראַך. ביי די ליטווישע יידן איז זייער שטאַרק דאָס נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַוואוסטזיין, און קיין אַסימילאַטאָרן זיינען ביי אונז כמעט לגמרי ניטאָ. די יידישע ראַטמענער וועלן פון זייער שטאַנדפּונקט ניט אָפּטרעטן. און ווען איר מיינט מיט דער זאַך ערנסט, ווען איר ווילט באמת מיט די יידן שלום, מוזט איר אונזער רעכט אויף אונזער שפּראַך אָנערקענען: אייערע נאַציאָנאַלע געפילן, אַייער „פּוילישקייט" וועט יידיש—ביי אייער מערהייט—אין קיין פאַל ניט שאָדן".

נאָך אַ ריי נאָך אַנדערע מאָטיוון האָבן די פּוילישע ראַטמענער, ס'ווייזט אויס, זיך עפּעס אָנגעהויבן צו וואַקלען אין זייער „שוין אָנגענומענעם באַשלוס" בנוגע צו יידיש, און אַדוואָקאַט ענגעל האָט אָנגעהויבן מיט רמזים זיך אומצוקערן צו זיינע רייד פון דער פאָריקער זיצונג, אַז „פאַרשטייט זיך, ווען זיי וואָלטן געווען איבערצייגט, און די יידן וואָלטן זיי צוגעזאָגט...", דאָ האָט ד"ר שאַבאַד אים איבערגעשלאָגן און געזאָגט: איך פאַרשטיי אַיך, איר מיינט: do ut des. אַדרבא: מאַכט דעם ערשטן שריט, גיט אונז נאָך. אויף דעם האָט ה' ענגעל געזאָגט: „אויב אַזוי, וועלן מיר דאָך זיין נאָר אין דער לאַגע פון די „do". „ווער ס'האָט מערער, דאַרף מערער געבן—האָט ד"ר שאַבאַד געענטפערט—וועמען ס'איז אַסך געגעבן, פון דעם פאָדערט זיך אַ סך. און איר, מיינע הערן, האָט שוין זייער פיל באַקומען, איר האָט מער פאַר אונז".

דערויף האָבן די הערן פּאָליאַקן געענטפערט מיט אַ פראַגעצייכן: „דאָס ווייס מען נאָך ניט"—און מיט דעם האָבן זיך די אונטערהאַנדלונגען געענדיקט.

די פראַגע פון יידיש אין שטאָטראַט איז נאָך עד־היום ניט געלייזט און ברענגט צו גרויסע קאָנפליקטן מיט די פּוילישע ראַטמענער, וועמעס איידעלע אויערן עס קענען ניט פאַרטראָגן די יידישע שפּראַך, מ'מוז אָבער קאָנסטאַטירן, אַז די יידישע ראַטמענער זיינען זייער זעלטן, כמעט קיינמאָל ניט אַרויסגעטראָטן אויף דער יידישער שפּראַך.

שוין אויף דער צווייטער זיצונג פון שטאָטראַט איז די יידישע ראַטמענער אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן קעגן די אָפטע כוליגאַנישע אָנפאַלן פון די באַוואָפנטע „פּויזנער". נאָך לאַנגע דעבאַטן האָט דער אינזשעניער ספּיראָ, וועלכער איז באַפולמעכטיקט געוואָרן דורך דער יידישער פראַקציע, פאָרגעלייענט פאַר דעם שטאָטראַט פאָלגנדיקע רעזאָלוציע בנוגע דעם דערמאָנטן ענין:

„נעמענדיק אין אַכט די אָפטע רויבערייען און אָנפאַלן אויף דער פרידלעכער יידישער באַפעלקערונג פון שטאָט און אויף זייער אייגנטום, וואָס האָט געבראַכט צו אַ שרעקלעכער דענערווירונג און אַ שטערונג פון נאָרמאַלן לעבן, באַשליסט דער שטאָטראַט תיכף־ומיד אָנצונעמען די געהעריקע שריט ביי דער מאַכט, אַז זי זאָל זען צו מאַכן אַ סוף צו די שענדלעכע פאָרפאַלן".

אויף דערזעלבער זיצונג איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס קעגן שלעפּן די ציווילע יידישע באַפעלקערונג צו דער צוואַנג־אַרבעט, וואָס האָט זיך געפּראַקטיקירט אין יענער צייט אין גאַנץ גרויסן מאַסשטאַב. די יידישע פאָרשלאָגן ווערן אָנגענומען.

בנונע דעם לעצטן פונקט איז אויך אָנגענומען געוואָרן, אַז ווען די רעגירונג האָט נייטיק וועלכע עס איז אַרבעטער, דאַרף זי זיך וועגן דעם ווענדן צו די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אָבער ניט אָנווענדן דעם באַרבאַרישן מיטל פון כאַפּן אויף דער גאַס פרייע בירגער.

ביים קאָנסטרואירן די קאָמיסיעס פון שטאָטראַט זיינען די יידישע ראַטמענער אויסגעקליבן געוואָרן אין די פאָלגנדיקע קאָמיסיעס:

פינאַנס־קאָמיסיע: ד"ר וויגאָדסקי, אינזשעניער אַדאָלף גאָרדאָן און ד"ר א. מאַקאָווער.

ווירטשאַפטס־קאָמיסיע: שואל ראָזענטאַל און יונה שאַפּיראָ.

דערנערונגס־קאָמיסיע: אליעזר קרוק און אליהו רודניצקי.

רעוויזאָרן־קאָמיסיע: אינזשעניער אברהם קלעבאַנאָוו, ברוך לובאָצקי, אינזשעניער ספּיראָ און אינזשעניער טראָצקי.

סאַניטאַרע קאָמיסע: ד"ר וויגאָדסקי און ד"ר גלאָבוס.

אין רעגולאַמין־קאָמיסיע: ד"ר שאַבאַד און אינזשעניער ספּיראָ.

אויסער די שטענדיקע 6 קאָמיסיעס קומט אויס די יידישע ראַטמענער צו נעמען אַן אָנטייל אין די קאָמיסיעס, וועלכע טראָגן אַ צייטווייליקן כאַראַקטער.

אויף דער 6־טער זיצונג פון שטאָטראַט זיינען די יידישע ראַטמענער אַרויסגעטראָטן מיט פאָלגנדיקער דרינגלעכער אָנפראַגע וועגן די שוידערלעכע נגישות איבער יידן אויף דער פּראַכטסטאַנציע דורך אַ גרופּע באַוואָפנטע סאָלדאַטן:

„צום פּרעזידענט פון שטאָטראַט!

די יידישע ראַטמענער ווענדן זיך צום שטאָטראַט מיט דער פאָלגנדיקער דרינגלעכער מעלדונג:

דינסטאָג דעם 8־טן דעצ. אין מיטן העלן טאָג, איז איבער אַן ערך 60 יידן, יונגע און אַלטע, געמאַכט געוואָרן אַ שענדלעכע עקזעקוציע פון שמייסן. די פּרטים זיינען אַזעלכע:

אַרום 2 אַזייגער ביי טאָג זיינען אויף דער באַן, לעבן דער פּראַכט־סטאַנציע, יידישע טרעגער און פורמאַנעס, אין דער צאָל פון 80 פּערזאָן, אַרומגערינגלט געוואָרן. מ׳האָט געפאָדערט פון אַלעמען פּעסער. 20 פּערזאָן, וועלכע האָבן געהאַט ביי זיך פּוילישע אָדער דייטשע פּעסער זיינען באַפרייט געוואָרן, די איבעריקע האָט מען געהייסן פאַרהאַלטן און שמייסן, געבנדיק יעדערן באַזונדער פון 5 ביז 15 שמיץ.

די גאַנצע פּאַרטיע האָט מען געהייסן לויפן אַ וויאָרסט איבער די ליגיעס. די אַלטע, וועלכע האָבן ניט געקאָנט מיטהאַלטן, האָט מען געשלאָגן מיט די ביקסן. נאָכדעם ווי מ׳האָט זיי אַלעמען צוגעטריבן צו די קאַזאַרמעס, האָט מען זיי אויסגעשטעלט אין איין ריי און פּאָרוויַז האָט מען זיי אַריינגעפירט אינווייניק, שלאָגנדיק דערביי מיט נאַגייקעס און שטעקלעך. נאָכדעם האָט מען זיי אַריינגענומען אין אַ באַזונדערן צימער, אין צימער איז געווען אַ באַנק לעבן וועלכער עס זיינען געשטאַנען מענטשן האַלטנדיק נאַגייקעס אין די הענט. דאָרט איז אויך בעווען איינער אַן עלטערער, וועלכער האָט אָנגעוויזן וויפיל שמיץ צו געבן. יעדערער פון די פאַרהאַלטענע יידן האָט זיך געמוזט לייגן אויף דער באַנק; מ׳האָט זיך געזעצט ביי זיי אויפן קאָפּ, און אויף די פיס, און 2 האָבן איינציקווייז געשמיסן מיט נאַגייקעס און מיט שטעקנס; נאָך דער עקזעקוציע האָט מען די קרבנות געהייסן גיין אַהיים. ביים אַרויסגיין האָט מען זיי ווידער געשלאָגן. צווישן די געליטענע געפינט זיך אַ 13־יאָריקער יינגל און אַ 75־יאָריקער געבריכטער ייד, מ׳האָט אויך פאַרוואונדעט יידן—אַ געוועזענעם סאָלדאַט פון דער רוסישער אַרמיי, וועלכן מ׳האָט אַרויסגעטראָגן אויף די הענט. איין יידן האָט מען באַפרייט, ווייל מ׳האָט אים אָנגענומען פאַר אַ קריסט. די פּערזאָן, וועלכע האָט אָנגעפירט מיט דער עקזעקוציע, איז געווען אָנגעטאָן אין אַ רוסישן שינעל און געטראָגן 2 „שטערנדלעך״. אויפן אויסזען—אַ מאָגערער, איינגאַנצן אַ ראַזירטער.

זייענדיק איבערצייגט, אַז די פּוילישע ראַטמענער פון דעם ווילנער שטאָטראַט וועלן טיילן אונזער געפיל פון טיפסטער אויפגעבראַכטקייט קעגן אַזאַ אומגעהערטער מעשה; זייענדיק ווייטער איבערצייגט, אַז אַזוינע ווילדע מעשים ברענגען דעם פּוילישן פאָלק אַ סך מערער שאָדן און חרפה, איידער דעם יידישן און מאַכן אַלע קעגנזייטיקע אויפריכטיקע שטרעבונגען צו שלום—צו גאָרנישט—לייגן מיר, יידישע ראַטמענער, דעם ווילנער שטאָטראַט פאָר:

1. גלייך אָנצונעמען ענערגישע שריט, כּדי דער כּבוד און די בירגערלעכע רעכט פון דעם יידישן טייל פון דער ווילנער באַפעלקערונג זאָל זיין אויף דעם ווילנער וואָקזאַל אַזוי גוט געשיצט ווי דער כּבוד און די בירגערלעכע רעכט פון דעם קריסטלעכן טייל פון דער באַפעלקערונג.

2. פאָדערן פון דער העכערער מאַכט אַז ס׳זאָל גלייך געבילדעט ווערן אַן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, וועלכע זאָל גיך און גערעכטיק אויספאָרשן די אויבנדערמאָנטע מעשים און שטרענג באַשטראָפן די שולדיקע״.

די אינטערפּעלאַציע איז אויסגעהערט געוואָרן ביי פאַרמאַכטע טירן. ביי פאַרמאַכטע טירן זיינען אויך אויסגעהערט געוואָרן די פייערדיקע רעדעס פון די יידישע ראַטמענער און די ענטפערעדעס פון די פּוילישע.

מ׳מוז אָנערקענען, אַז די אינטערפּעלאַציע האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק אויף די קריסטלעכע ראַטמענער. באַלד אָבער זיינען זיי געקומען צו זיך פון דעם רושם, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעריע מיט רעדעס, וואָס אייניקע פון זיי איז כּדאי דאָ צו דערמאָנען. טייל רעדנער האָבן באַטאָנט, אַז די נייטראַלע און זאָגאַר פיינדלעכע האַלטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג צו דער פּוילישער מלוכה האָט געבראַכט דערצו, אַז עס זאָלן מעגלעך זיין אַזוינע און ענלעכע באַרבאַרישע פאָרפאַלן. ווען די יידן וואָלטן פירן אַ פוילנפריינדלעכע פּאָליטיק, ווען די ווילנער יידישע באַפעלקערונג וואָלט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר פּוילן, וואָלטן אַזוינע פאַלן ניט פאָרגעקומען.





אין די דעבאַטן איז אויסגעבראָכן אַ אינצידענט בשעת דעם עכט אַנטיסעמיטישער רעדע פון ד״ר רימשאַ. דער לעצטער האָט אָפן באַרעכטיקט די האַנדלונג פון די פּוילישע באַרבאַרן צוליב דער אַנטיפּוילישער פּאָליטיק פון די יידן. ער האָט אַגב דערביי דערציילט אַ געשיכטע, וועלכע ער האָט כּלומרשט אַליין בייגעוואוינט: „2 פּוילישע סאָלדאַטן זיינען געגאַנגען אויף ווילנער גאַס און פרידלעך געשמועסט צווישן זיך אין פּויליש. דאָס האָט קענטיק פאַרדראָסן די פאַרבייגייענדיקע 2 יונגע יידן, וועלכע האָבן גענומען אָפּלאַכן פון די פּוילישע סאָלדאַטן פאַר זייער פּויליש ריידן. די סאָלדאַטן זיינען, זעלבסטפאַרשטענדלעך, זייער אויפגערעגט געוואָרן און האָבן זיך געוואָרפן אויף די 2 יידן, די לעצטע זיינען אָבער אַנטרונען״...

די אומגעלומפּערטע בבא־מעשה, וועלכע האָט ניט געקענט האָבן אין זיך קיין שפור פון אמת*), האָט אויף אַזויפיל אויפגערעגט דעם יידישן ראַטמאַן יונה שאַפּיראָ, אַז ער האָט פון אָרט אויסגעשריען „דאָס איז אַ בבא־מעשה, אַ פּשוטער ליגן״.

דער ראַטמאַן רימשאַ מיט זיינע חברים, געפינענדיק זיך שטאַרק באַליידיקט פון דעם אויסדרוק „אַ פּשוטער ליגן״, האָבן אַריינגעטראָגן אַ אָפיציעלן פאָרוואורף דעם פּרעזידענט באַנקאָווסקי, דערפאַר, וואָס ער האָט ערלויבט דעם ראַטמאַן שאַפּיראָ באַליידיקן דעם ראַטמאַן רימשאַ און אים ניט אָפּגעשטעלט ביי זיין באַנוצן דעם אויסדרוק „אַ פּשוטער ליגן״.

דער פּרעזידענט האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר זיינע חברים די ענדעקעס און האָט זיך גלייך געווענדט צום ראַטמאַן שאַפּיראָ מיט אַ פאָדערונג, אַז ער זאָל נעמען זיינע באַליידיקנדיקע ווערטער צוריק. דער ראַטמאַן שאַפּיראָ האָט אָבער נאָכאַמאָל באַטאָנט, אַז ער קען בשום־אופן ניט גלויבן אין דער ריכטיקייט פון אַזאַ בבא־מעשה, אַז יידן זאָלן פאַרטשעפּען פּוילישע סאָלדאַטן און נאָך דערפאַר, וואָס זיי ריידן פּויליש.

דער פּרעזידענט באַנקאָווסקי, ניט קענענדיק פּועלן ביים ראַטמאַן שאַפּיראָ, ער זאָל נעמען זיינע ווערטער צוריק, איז געצוואונגען געווען אַליין צו קאָרעגירן דעם אויסדרוק „קלאַמסטוואָ״ אויף „ניעפּאָדאָבענסטוואָ״**).

דער ראַטמאַן רימשאַ איז אָבער ניט געבליבן צופרידן מיט אַזאַ ערליידיקונג פון דעם אינצידענט און האָט אַלס פּראָטעסט זיך אָנטזאָגט מיטצואַרבעטן אין איין קאָמיסיע מיט דעם ה׳ שאַפּיראָ; ער איז דערפאַר אַרויסגעטראָטן פון דער ווירטשאַפטסקאָמיסיע, וואו עס פלעגט אים אויסקומען זיך צו טרעפן מיט דעם ה׳ שאַפּיראָ

---

אויף איינער פון די זיצונגען פון דער יידישער פראַקציע איז לויטן פאָרשלאָג פון ראַטמאַן שאַפּיראָ אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, אַז די אַרבעט פון די יידישע ראַטמענער זאָל געפירט ווערן אין קאָנטאַקט מיט די יידישע געזעלשאַפטן און אַנשטאַלטן אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל אין מאַגיסטראַט ווערן באַרירט פראַגן, וועלכע האָבן אַ שייכות צו זיי. אַזוי, למשל, זיינען די ראַטמענער ראָזענטאַל און ספּיראָ אַלס מיטגלידער פון ווירטשאַפטסקאָמיסיע, וועלכע האָט צו שאַפן איבער דער שטאָטישער ערד, איינגעלאַדן געוואָרן אויף זיצונגען פון דער געזעלשאַפט „אָרט״ צו קאָאָרדינירן די אַרבעט אין אַזוינע פאַלן, ווען דעם מאַגיסטראַט

---

*) מיר האָבן ברוך־השם דאָן איבערגעלעבט אַ צייט, ווען די יידישע איינוואוינער פלעגן פּשוט מורא האָבן צו טרעפן זיך פּנים־אל־פּנים מיט אַ פּוילישן סאָלדאַט און פלעגן שטענדיק אַראָפּגיין פון טראָטואַר, באַגעגענענדיק אַ „באַוואָפנטן״. מ׳קען זיך פאָרשטעלן, ווי אומגעלומפּערט דער בילבול איז, אַז יידן זאָלן האָבן פאַרטשעפּעט פּוילישע סאָלדאַטן פאַר זייער ריידן פּויליש...

**) „קלאַמסטוואָ״—אַ ליגן, „ניעפּאָדאָבענסטוואָ״—אומגלויבלעך.

וועט אויסקומען אַרויסצוגעבן אין אַרענדע ערד, אָדער ווען די געזעלשאַפט „אָרט" וועט האָבן בדעה אַזעלכע ערד צו נעמען אין אַרענדע.

זייער אָפט פלעגט אויך אויסקומען די יידישע ראַטמענער צו פירן געמיינזאַמע זיצונגען מיטן פּרעזידיום פון דער ווילנער יידישער קהילה, אויף וועלכע עס פלעגן באַהאַנדלט ווערן די אַלע פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו די ביידע אינסטיטוציעס. אַזוי, למשל, איז געמיינזאַם אויסגעאַרבעט געוואָרן די פאָרם און אינהאַלט פון דער פאָדערונג צום שטאָטראַט, אַז ער זאָל נעמען אויף זיך די אויסהאַלטונג אָדער אונטערשטיצונג פון אונזערע קולטורעלע און פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס (גענויער וועגן דעם וועט ווערן דערמאָנט אין די פאָלגנדיקע קאַפּיטלען).

ווי שוין דערמאָנט, זיינען די יידישע ראַטמענער שוין אין זייער דעקלאַראַציע אַרויסגעטראָטן קעגן דעם, אַז דער ווילנער שטאָטראַט זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ווערקצייג אין די הענט פון אַ באַשטימטער פּאָליטישער אָדער נאַציאָנאַלער ריכטונג, און האָבן אונטערגעשטרייכט, אַז דער שטאָטראַט דאַרף זיין אַפּאָליטיש און זיך פאַרנעמען אויסשליסלעך מיט די ווירטשאַפטלעכע ענינים פון שטאָט. מען קען אָבער ניט זאָגן, אַז עס זאָל זיך האָבן איינגעגעבן די יידישע ראַטמענער צו נייטראַליזירן דעם שטאָטראַט פון פּאָליטיק. שוין אויף דער ערשטער פייערלעכער עפענונגס=זיצונג האָט די פּוילישע מערהייט באַשלאָסן, אין נאָמען פון דער ווילנער זעלבסטפאַרוואַלטונג, צו שיקן דעם פּוילישן מלוכה=שעף פּילסודסקין אַ טעלעגראַמע, וועלכע האָט אויסגעדריקט אַ האַרציקן דאַנק פאַר באַפרייען ווילנע פון פרעמדן יאָך און אַ פאַרלאַנג פון דער באַפעלקערונג, אַז ווילנע זאָל באַהעפט ווערן צו פּוילן. אַזעלכע אָדער ענלעכע טעלעגראַמעס און באַגריסונגען האָט די פּוילישע ענדעקישע מערהייט דורכגעפירט ניט איין מאָל. אויך איז אַזאַ מין פּאָליטישע מאַניפעסטאַציע געמאַכט געוואָרן לכבוד דעם אַריינטרעטן אין ווילנע פון דער פּוילישער אַרמיי אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל זשעליגאָווסקי. די יידישע ראַטמענער פלעגן אין די אַלע דערמאָנטע פאַלן אָפיציעל מעלדן, אַז אַזוי ווי די מאַניפעסטאַציעס און באַגריסונגען זיינען אַקציעס ריין פּאָליטישע און האָבן ניט קיין שייכות צו די ווירטשאַפטלעכע ענינים פון שטאָט, נעמען זיי אין דעם ניט קיין אָנטייל.

שוין גאָר די לעצטע צייט איז די יידישע ראַטמענער אויסגעקומען אַרויסצוזאָגן זייער מיינונג וועגן אַ ענלעכער פראַגע; עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, אַז דער שטאָטראַט זאָל באַערן די באַרימטע 2 פּוילישע גענערעלער ה"ה פּילסודסקי און זשעליגאָווסקי, שענקענדיק זיי דעם טיטל „ערן=בירגער פון דער שטאָט ווילנע". דערביי האָט די פּוילישע מערהייט פון שטאָטראַט געפּרובט איבעררעדן די יידן, אַז דאָס איז אַ פראַגע ניט קיין פּאָליטישע, נאָר אַ ריין שטאָט'שע. די יידישע ראַטמענער האָבן אָבער ערקלערט, אַז היות ווי אין דעם מאָמענט, ווען די פראַגע האָט זיך באַהאַנדלט*) וועט דאָס שענקען ערנבירגערשאַפט די דערמאָנטע גענעראַלן באַקומען אַ אויסדריקלעך פּאָליטישן כאַראַקטער, קענען די יידישע ראַטמענער ניט נעמען קיין אָנטייל אין דער אָפּשטימונג פון דער פראַגע.

אונטערציענדיק אַ סך=הכל פון דער טעטיקייט פון די יידישע ראַטמענער פאַר דעם פעריאָד פון דער ערשטער פּוילישער ממשלה באַקומען מיר ניט קיין צו פיל גלענצענדיקע רעזולטאַטן. דאָך אָבער איז צום אַקטיוו פון דער יידישער אַרבעט כדאי צו פאַרצייכענען דאָס ביסעלע, וואָס האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצורייסן פון דער ענדעקיש=אַנטיסעמיטישער מערהייט פון שטאָטראַט:

*) עס איז געווען אין דער צייט פון די אונטערהאַנדלונגען אין בריסעל וועגן דעם פּויליש-ליטווישן סיכסוך.





ערשטנס אַ פּרינציפּעלע הסכמה, אַז יידן האָבן רעכט צו באַנוצן זיך פּראָפּאָרציאָנעל מיט די סומען, וועלכע ווערן דורכן מאַגיסטראַט אַרויסגעגעבן אויף קולטורעלע און פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס; דאַן די פּרינציפּיעלע אָנערקענונג פון אונזער גלייכבאַרעכטיקונג ביים אָננעמען אָנגעשטעלטע און אַרבעטער אין די שטאָטישע אונטערנעמונגען; אַז די אָפיציעלע מודעות און פאַראָרדענונגען פון מאַגיסטראַט זאָלן זיין געדרוקט אויך אין יידיש; די פּרינציפּעלע און פאַקטישע אָנערקענונג, אַז די שטאָטישע טעאַטערס און זאַלן דאַרפן אויך אַרויסגעגעבן ווערן פאַרן יידישן טעאַטער אויף דיזעלבע זכיות, וועלכע עס געניסן די פּוילישע טרופּעס; דאָס אָנרופן אייניקע גאַסן מיט יידישע נעמען (דעם גאונס גאַס, שטראַשונס גאַס און פינס גאַס); אַז די פלענאַרע זיצונגען זאָלן ניט אויסקומען אין די יידישע שבתים און ימים=טובים וכדומה.

די פּאָזיטיווע רעזולטאַטן פון דער אַרבעט אין דעם דאָזיקן פעריאָד זיינען אָבער ניט אַזוי וויכטיק, ווי די עפנטלעכע אָרגאַניזירטע אַרויסטרעטונג פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט ביי יעדן פאַל, ווען עס זיינען אָנגערירט געוואָרן די יידישע אינטערעסן. עס איז כדאי צו פאַרצייכענען אויך דעם קאַמף, וואָס די יידישע ראַטמענער איז אויסגעקומען צו פירן אַרום דער פראַגע וועגן „די האַלעס", אין וועלכער עס זיינען געווען פאַראינטערעסירט אייניקע הונדערט יידישע פאַמיליעס; דער ענין איז באַשטאַנען אָט אין וואָס: אין די האַלעס, וואָס דער ווילנער שטאָטראַט האָט אויסגעבויט מיט אַ יאָר 10—12 צוריק, האָבן זיך געפונען אייניקע הונדערט הענדלער, ס'רוב יידן, וועלכע פלעגן האַנדלען מיט מאַנופאַקטור, גאַלאַנטעריי, פאַרטיקע קליידער וכדומה. הגם די האַלעס זיינען אויסגעבויט געוואָרן מיטן צוועק, אַז דאָרט זאָל געהאַנדלט ווערן ספּעציעל בלויז מיט עסנוואַרג, נאָר צוליבדעם, וואָס מ'האָט קיינמאָל ניט געקענט געפינען די גענוגנדיקע צאָל קרעמער פון עסנוואַרג, איז מען געווען געצוואונגען צו פאַרדינגען אַ גרויסן טייל געשעפטן אויך פאַר די דערמאָנטע בראַנזשעס, וועלכע האָבן אַריינגעטראָגן זייער פיל לעבן אין „האַלע", און אַדאַנק דער ענערגישער אַרבעט פון די יידישע הענדלער האָט זיך די „האַלע" פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן האַנדלס=צענטער פאַר דער שטאָט.

די ווילנער אַנטיסעמיטן האָבן אָבער ניט געקענט גלייכגילטיק צוקוקן, ווי אייניקע הונדערט יידישע פאַמיליעס האָבן פּרנסה פון „פרעמדע" בראַנזשעס און זיי האָבן פאַרפירט אַ קאַמפּאַניע קעגן די יידישע הענדלער פון די „האַלעס". אין דער אַנטיסעמיטיש=קלעריקאַלער „אַרבעטער=ליגע פון הייליקן קאַזימיר" איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ קאָלעקטיווע בקשה פון עטלעכע צענדליק קריסטלעכע קיילער, אַז מ'זאָל אַרויסוואַרפן די הענדלער מיט „פרעמדע אַרטיקלען" און ערלויבן זיי צו פאַרנעמען די פּלעצער און צו האַנדלען מיט פלייש. געוויינטלעך האָט זייער בקשה געפונען דעם וואַרימסטן אָפּקלאַנג אין די הערצער פון דער ענדעקישער מערהייט פון שטאָטראַט. דורך פאַרשיידענע מאָטיוון, פאָרמעלע און סאַניטאַרע, האָבן די פּוילישע ראַטמענער אויפגעוויזן, אַז מ'מוז די הענדלער באַזייטיקן פון די האַלעס און איבערגעבן די פּלעצער די קריסטלעכע קצבים. די פראַגע האָט זיך פאַרצויגן אויף אייניקע זיצונגען, ווייל די יידישע ראַטמענער האָבן אָנגעווענדט אַלע זייערע קרעפטן איבערצוצייגן דעם שטאָטראַט, אַז די געשעפטן פון מאַנופאַקטור און גאַלאַנטעריי, וואו עס געפינט זיך בלויז נייע, ניט קיין געניצטע סחורה, שטעלן ניט פאָר קיין סכנה אין סאַניטאַרער הינזיכט. דער רעזולטאַט פון דעם קאַמף, וועלכער האָט געדויערט אייניקע חדשים, איז געווען, אַז מ'האָט באַשטימט אַ ספּעציעלע ריי באַלאַגאַנעס, אויף וועלכע מען האָט איבערגעזעצט די יידישע הענדלער און אויף זייערע פּלעצער האָט מען באַזעצט קריסטלעכע קצבים און נייע הענדלער מיט עסנוואַרג.

צום סוף וויל איך נאָך פאַרצייכענען אויך אָט דעם עפּיזאָד אין דער געשיכטע פון דעם ווילנער שטאָטראַט פאַר דעם דאָזיקן פּעריאָד: אַ טייל פון די פּוילישע ראַטמענער פלעגט אויסדריקן דעם ווּאונטש, אַז די יידישע ראַטמענער זאָלן זיך באַטייליקן אין די אָפיציעלע פייערלעכקייטן, אין וועלכע דער שטאָטראַט אַלס אַזעלכער פלעגט נעמען אַן אָנטייל. אַזוי, למשל, האָבן זיי פאָרגעלייגט, אַז די יידישע ראַטמענער זאָלן מיטאַרבעטן אין דעם קאָמיטעט, וועלכער האָט אָרגאַניזירט די פייערונג פון דעם 19 אַפּריל לזכרון פון פאַרנעמען די שטאָט ווילנע דורך די פּוילישע חיילות, און האָבן זאָגאַר פאָראויס באַשטימט, אַז דער יידישער פאָרשטייער אין דעם דאָזיקן קאָמיטעט דאַרף זיין דער אינזשעניער ספּיראָ. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ספּיראָ, אַזוי ווי אויך די איבעריקע יידישע ראַטמענער, האָבן זיך פון דעם כבוד אַנטזאַגט, וואָרים דער 19 אַפּריל איז ביי אונז ניט אַ דאַטע פון פייערונג, נאָר אַ טאָג פון טרויער איבער די אומשולדיק געפאַלענע יידישע קרבנות.

---

### IV.

דעם 14 יולי 1920, ווען דאָס פּוילישע מיליטער האָט אונטערן דרוק פון דער רויטער אַרמיי געמוזט פאַרלאָזן אונזער שטאָט, איז צוזאַמען מיט דעם מיליטער אויך אָפּגעפאָרן דער ווילנער מאַגיסטראַט מיטן פּרעזידענט בראש. אויסערן מאַגיסטראַט זיינען פון ווילנע אויך אַנטלאָפן כמעט אַלע פּוילישע ראַטמענער. פון די מיטגלידער פון מאַגיסטראַט איז געבליבן בלויז דער איינציקער יידישער לאַווניק ה׳ אַלבערט קאַבאַטשניק. אום איינצוהיטן דערווייל די שטאָטישע אינסטיטוציעס, ביז וואַנען עס וועט זיך איינשטעלן אַ וועלכע עס איז אָרדענונג אין שטאָט, האָבן די אָנגעשטעלטע פון מאַגיסטראַט און פון די שטאָטישע אַנשטאַלטן אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג באַשלאָסן אויסצוקלייבן אַ קאָמיטעט פון די אָנגעשטעלטע, וועלכער זאָל צייטווייליק אָנפירן מיט דער שטאָטישער ווירטשאַפט. אַלס פאָרזיצער פון דעם דערמאָנטן קאָמיטעט איז אויסגעקליבן געוואָרן דער יידישער לאַווניק ה׳ קאַבאַטשניק און אַזוי־אַרום איז אויסגעקומען, אַז ביז דער צייט, וואָס די ראַטנמאַכט האָט נאָך ניט באַוויזן דאָ צו שאַפן אירע ראַטן־אינסטיטוציעס, איז דער צייטווייליקער שטאָט־פּרעזידענט פון ווילנע געוועז אַ ייד. ווען די ראַטנמאַכט האָט זיך שוין אַ ביסל דאָ איינגעאָרדנט, איז די הנהגה אויך צייטווייליק געבליבן אין די הענט פון קאָמיטעט, אַלס פאָרזיצער אָבער, איז באַשטימט געוואָרן דער קאָמוניסט דאָמבראָווּאָ.

ווי עס איז באַקאַנט, האָבן די באָלשעוויקעס, לויטן אָפּמאַך פון דער מאָסקווער רעגירונג מיט דער ליטווישער, געדאַרפט איבערגעבן די שטאָט ווילנע און דעם גאַנצן קאַנט די ליטווינער. עס איז אָבער געוועזן אויסגענומען, אַז די באָלשעוויסטישע מאַכט וועט נאָר דאַן פאַרלאָזן די דאָזיקע טעריטאָריעס, ווען די מיליטערישע לאַגע וועט איר עס ערלויבן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַזוי לאַנג ווי די מלחמה איז נאָך געגאַנגען אין אונזער קאַנט, האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין וועגן איבערגעבן ווילנע צו די ליטווינער.

ווען דער פראָנט האָט זיך ביסלעכווייז גענומען דערווייטערן פון אונזערע מקומות, האָבן די ליטווינער אָנגעהויבן פאָדערן, אַז מ׳זאָל זיי, לויטן מאָסקווער אָפּמאַך, איבערגעבן די שטאָט. די ליטווישע קאָמענדאַנטור, וועלכע האָט זיך גלייכצייטיק מיט די באָלשעוויקעס באַזעצט אין ווילנע, האָט באַקומען אינסטרוקציעס פון איר רעגירונג אָנצונעמען די נייטיקע שריט אום צו בילדן אַ צייטווייליקן שטאָטישן מאַגיסטראַט, וועלכער זאָל איבערנעמען פון דער ראַטנמאַכט די שטאָטישע ווירטשאַפט.





דער ענין האָט זיך אָבער פאַרצויגן דערפאַר, ווייל די אָרטיקע ראַטן־אָרגאַנען האָבן זיך ניט געאיילט דורכצופירן אין לעבן דעם מאָסקווער אָפּמאַך מיט די ליטווינער, און דער אָרטיקער „רעווקאָם" האָט זאָגאַר אַרויסגעלאָזן אַ התראה, אַז ער וועט בשום אופן ניט ערלויבן צו בילדן וועלכע עס איז מוניציפּאַלע אָרגאַניזאַציעס אָן דער סאַנקציע פון די אָרטיקע ראַטן־אָרגאַנען. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ לאַגע ביי וועלכער דער עולם האָט ניט פאַרשטאַנען, ווער עס איז דער ווירקלעכער בעל־הבית אין שטאָט.

די אומבאַשטימטע לאַגע האָט זיך אַזוי געצויגן עטלעכע וואָכן, ביז עס איז לויטן באַפעל פון מאָסקווע, דאָך געבילדעט געוואָרן אַזאַ ליקווידאַציע־קאָמיסיע פון באָלשעוויקעס און ליטווינער, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיטן איבערגעבן די גאַנצע ווירטשאַפט פון שטאָט און פון געגנט די ליטווינער*).

ווען די קאָמיסיע האָט שוין אָנגעהויבן איר טעטיקייט, האָט גלייכצייטיק דער ליטווישער קאָמענדאַנט איינגעלאַדן צו זיך פאָרשטייער פון אַלע היגע נאַציאָנאַליטעטן אויף אַ באַראַטונג וועגן בילדן אַ צייטווייליקן מאַגיסטראַט, וועלכער זאָל איבערנעמען די שטאָטישע בעל־הבתישקייט פון די ראַטן־אָרגאַנען. די פּאָליטישע קאָמיסיע ביי דער ווילנער יידישער קהילה האָט באַשלאָסן צו דעלעגירן אַלס פאָרשטייער פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דעם דערמאָנטן צייטווייליקן אָרגאַן די ה״ה אַלבערט קאַבאַטשניק, ראובן בוניאַק און יונה שאַפּיראָ. גלייכצייטיק איז אויך רעקאָמענדירט געוואָרן דער אַרכיטעקטאָר ה׳ ד. ראָזענהויז אַלס מומחה אין טעכנישע ענינים און בוי־צווייגן פון דער שטאָט־ווירטשאַפט. אַ אַנטשפּרעכנדיקע צאָל דעלעגאַטן האָבן אויך געשיקט דער פּוילישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט און דער ליטווישער. עס זיינען אויך געקומען פאָרשטייער פון די ווייסרוסן, רוסן און דייטשן.

ווי שוין דערמאָנט, האָט דער אָרטיקער „רעווקאָם" נאָך מיט אַ קורצער צייט פריער אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז עס איז ניט ערלויבט צו בילדן אַ וועלכע עס איז קאָמונאַלע אָדער געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע אָן זיין וויסן. און די דעלעגאַטן, וועלכע האָבן זיך צונויפגעקליבן ביים ליטווישן קאָמענדאַנט, האָבן אים גלייך געשטעלט די פראַגע, צי קען ער גאַראַנטירן פאַר דער אומבאַרירלעכקייט פון די פּערזאָנען, וועלכע וועלן בילדן דעם צייטווייליקן מאַגיסטראַט. הגם דער ליטווישער קאָמענדאַנט האָט געפּרובט פאַרזיכערן די פאַרזאַמלטע, אַז ער גאַראַנטירט פאַר דער לעגאַליטעט און זיכערקייט פון דער אונטערנעמונג, פונדעסטוועגן איז געווען ניכר, אַז ער אַליין פילט ניט קיין זיכערקייט אין זיינע רייד. און ווירקלעך האָבן די ווייטערדיקע געשעענישן אין שטאָט באַוויזן, אַז די ווירקלעכע בעלי־בתים זיינען נאָך געווען די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן געבעל־הבתעוועט אין שטאָט לויט זייער אייגנזין, זיך ניט רעכענענדיק מיט די אָפּמאַכן און פאַראָרדענונגען פון מאָסקווע. ערשט אין עטלעכע וואָכן אַרום, ווען דער פראָנט האָט זיך אָפּגערוקט פון ווילנע אַזש ביז הינטער ביאַליסטאָק און פון דאָרטן האָבן אַגב אָנגעהויבן אָנצוקומען געהיימע ידיעות וועגן דער ניט צו גלענצענדיקער מיליטערישער לאַגע פון דער רויטער אַרמיי, איז די ליטווישע קאָמענדאַנטור געוואָרן ביי זיך פעסטער אין דער דעה און גענומען קאַטעגאָריש פאָדערן, אַז די אָרטיקע ראַטן־פאָרשטייער זאָלן אויספירן דעם מאָסקווער אָפּמאַך און איבערגעבן די שטאָטישע אַנשטאַלטן דער ליטווישער מאַכט.

---

*) די קאָמיסיע איז באַשטאַנען: פון צד פון דער ראַטנמאַכט משה ראַפעס, פון די ליטווינער—דער קאָמענדאַנט און אַלס רעכטסקאָנסולטאַנט—דער פּוילישער אַדוואָקאַט טאַדעאוש ווראָבלעווסקי.

אויף איבערצונעמען די שטאָטישעווירטשאַפט פון די באָלשעוויקעס איז דורך דער ליטווישער קאָמענדאַנטור באַשטימט געוואָרן אַ קאָמיסיע פון 12 פערזאָן: 4 יידן (א. קאַבאַטשניק, י. שאַפּיראָ, ד. ראָזענהויז און ר. בוניאַק), 4 פּאָליאַקן, 3 ליטווינער און 1 ווייסרוס. די יידישע דעלעגאַטן זיינען רעקאָמענדירט געוואָרן דורך דער קהילה און די קריסטלעכע דורך די אָרטיקע נאַציאָנאַלע קאָמיטעטן.

די קאָמיסיע האָט זיך צונויפגעקליבן אין זאַל פון שטאָטראַט אונטערן פאָרזיץ פון דעם דערמאָנטן ה׳ דאָמבראָוואָ, וועלכער האָט געהאַט אַ ספּעציעלע באַפולמעכטיקונג פון פאָרזיצער פון באָלשעוויסטישן „סאָוונאַרכאָז“ ה׳ ראַפּעס.

יעדע אָפּטיילונג איז איבערגעגעבן געוואָרן באַזונדער לויט אַ ספּעציעלן אַקט, אונטערגעשריבן דורך די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, וועלכע עס האָבן די אָפּטיילונג איבערגענומען. אַ ספּעציעלער אַלגעמיינער אַקט פאַרביידע צדדים פון דעם איבערנעמען די גאַנצע ווירטשאַפט איז אונטערגעשריבן געוואָרן דורך דעם ה׳ דאָמבראָוואָ — אַלס פאָרשטייער פון דער ראַטן=מאַכט, און פון אַלע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע — אַלס פאָרשטייער פון דער היגער באַפעלקערונג. עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז אַ טייל פון די יידישע דעלעגאַטן (ה׳ בוניאַק און שאַפּיראָ) האָבן דעם היסטאָרישן אַקט אונטערגעשריבן אין יידיש, וואָס עס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אומצופרידנקייט ביי די פּוילישע דעלעגאַטן.

די יידישע דעלעגאַטן איז אויסגעקומען איבערצונעמען די פאָלגנדע אָפּטיילונגען: אומבאַוועגלעכע גיטער — ה׳ ק אַ ב אַ ט ש נ י ק, פינאַנסן — ה׳ י. ש אַ פּ י ר אָ, טעכנישע אָפּטיילונג — ה׳ ר אָ ז ע נ ה ו י ז, און סאָציאַלע פאַרזאָרגונג — ה׳ ב ו נ י אַ ק.

די אָפּטיילונגען זיינען איבערגענומען געוואָרן נאָר צייטווייליק, ווייל די באַשטימונג פון די שטענדיקע לאַוניקעס האָט נאָך געדאַרפט פאָרקומען אין אַ פּאָר וואָכן אַרום.

ווען די ליטווישע קאָמענדאַנטור איז צוגעטראָטן צום באַשטימען שטענדיקע 7 מיטגלידער פון מאַגיסטראַט, אין וועלכן עס איז רעזערווירט געוואָרן 2 פּלעצער פאַר יידן*), איז צווישן דער ליטווישער מאַכט און דער יידישער קהילה אויסגעבראָכן אַ גאַנץ כאַראַקטעריסטישער אינצידענט. די יידישע קהילה איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז די קאָמפּעטענץ צו נאָמינירן די יידישע 2 לאַוניקעס געהערט אויסשליסלעך דער קהילה. די פאָרשטייער פון דער ליטווישער מאַכט האָבן אָבער אָן דעם וויסן פון דער קהילה באַשטימט אויף די פּאָסטנס די ה״ה ק. און ר. דאָ האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן די ווירקונג פון די פּוילישע עלעמענטן, וואָס זיינען ניט געווען צופרידן מיט די קאַנדידאַטן, וועלכע עס האָט אַרויסגעשטעלט די קהילה. אַזוי, למשל, האָבן זיי געהאַט גרויס תרעומות צו ה׳ בוניאַק, וועלכער האָט, פאַרוואַלטנדיק צייטווייליק מיט דער אָפּטיילונג „סאָציאַלע פאַרזאָרגונג“, אַרויסגעגעבן פּראָדוקטן פאַר די יידישע אַנשטאַלטן, וועלכע האָבן ניט, לויט זייער מיינונג, „געהערט צו שטאָט“.

אַזוי אַרום האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן דער קהילה מיט דער ליטווישער מאַכט וועגן דעם דערמאָנטן ענין. די קהילה האָט געצוואונגען די הערן ק. און ר., אַז זיי זאָלן אָנגעבן אַ בקשה וועגן דעמיסיע. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען איז ענדלעך אָנגענומען געוואָרן אַ קאָמפּראָמיס=פאָרשלאָג, אַז אויף די פּאָסטנס פון די יידישע לאַוניקעס ווערן באַשטימט די הערן א. ק אַ ב אַ ט ש נ י ק און י. ש אַ פּ י ר אָ. עס איז מאָטיווירט געווען דערמיט, וואָס די דערמאָנטע צוויי פּערזאָנען זיינען מיטגלידער פון פאָריקן געקליבענעם שטאָטראַט, און דאָס איז דער בעסטער באַווייז, אַז די יידישע געזעלשאַפט האָט צו זיי צוטרוי.

ה׳ קאַבאַטשניק איז איבערגעגעבן געוואָרן די טעכנישע אָפּטיילונג און דעם ה׳ שאַפּיראָ די אָפּטיילונג פאַר „סאָציאַלע פאַרזאָרגונג“ און פאַר סאַניטאַרע ענינים.

אויב די לאַווניקעס פון די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו אַרבעטן לויט דעם שוין יאָרנלאַנג איינגעפירטן שאַבלאָן, איז אָבער די יידישע לאַווניקעס אויסגעקומען צו פירן אַ קאַמף מיט די אַלטע איינגעוואָרצלטע אָרדענונגען, וועלכע האָבן ניט געשטימט מיט די יידישע אינטערעסן. די ערשטע עובדא פון די יידישע לאַווניקעס איז געווען צו פועלן, אַז די יידישע וואוילטעטיקע אַנשטאַלטן זאָלן באַקומען אונטערשטיצונג אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע ווי די פּוילישע. ווי שוין דערמאָנט, איז דאָס דאָזיקע יידישע רעכט אָנערקענט געוואָרן נאָך אין דעם פאָריקן פּוילישן שטאָטראַט, אָבער נאָר פאָרמעל, און לעבן איז עס ניט דורכגעפירט געוואָרן. עס האָט זיך געדוכט, אַז אונטער דער ממשלה פון די ליטווינער איז געקומען די ריכטיקע צייט, ווען מען וועט עס קענען פאַרווירקלעכן.

אויפן סמך פון דעם, וואָס שטאָט האָט אין איר רשות 7 פּוילישע וואוילטעטיקע אַנשטאַלטן, האָט דער יידישער לאַוניק פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג אַרויפגעשטעלט אויפן סדר=היום פון די זיצונגען פון דעם נייעם מאַגיסטראַט, אַז אין דעם נעץ פון די שטאָטישע אַנשטאַלטן זאָלן אַריינגענומען ווערן אַ אַנטשפּרעכנדיקע צאָל יידישע מוסדים, וועלכע זאָלן באַזאָרגט ווערן דורכן מאַגיסטראַט אויף די זעלבע יסודות ווי די פּוילישע.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דורכצופירן דעם ענין איז גאָרניט אַזוי לייכט, ווי עס האָט זיך לכתחילה געדאַכט. די ליטווישע מאַכט האָט זיך געהאַלטן פעסט ביי דער טאַקטיק, ניט אַרויפצונעמען אויף זיך קיינע איבעריקע הוצאות און התחייבותן. מ׳דאַרף דערמאָנען, אַז אין יענער צייט האָט דער מאַגיסטראַט עקסיסטירט נאָר אויף די געלטער, וואָס ער האָט באַקומען פון דער רעגירונג. די שטאָטקאַסע איז געווען רואינירט נאָך פון דער צייט פון די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן אָנגענומען סאָוועטיש געלט אויף אַ טאָפּלטן קורס ווי די פּוילישע מאַרקן*), און במילא זיינען די מזומנים פון שטאָט=קאַסע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ אָנווערטיקער וואַלוטע, וועלכע מען האָט ניט געקאָנט פאַרברויכן אויף די לויפנדיקע הוצאות. די שטאָטישע שטייערן פלעגן איינגעקאַסירט ווערן זייער שוואַך און אָן דער אונטערשטיצונג פון דער מלוכה וואָלט דער מאַגיסטראַט ניט געקאָנט עקסיסטירן.

דאָך האָט זיך סוף=כל=סוף איינגעגעבן דורכצופירן אין מאַגיסטראַט, אַז עס ווערן אויסגעהאַלטן מיט פּראָדוקטן אַ אַנטשפּרעכנדיקע צאָל יידישע אַנשטאַלטן, אָבער בלויז די, וועלכע האָבן ביי זיך אַ אינטערנאַט. לויט דעם דאָזיקן באַשלוס זיינען אָנערקענט געוואָרן אַלס שטאָטישע פאָלגנדיקע יידישע אַנשטאַלטן: די שטאָטישע תלמוד=תורה, דאָס יתומים=הויז פאַר מיידלעך, די קינדערהיים „אַחיעזר“, דער מושב=זקנים, דער אינטערנאַט „גאָלדע מאַרקס“ און דער קינדער=שפּיטאָל אין זווערינעץ.

דער יידישער לאַווניק פון סאָציאַלער פאַרזאָרגונג האָט גלייך גענומען פאַרווירקלעכן דעם אָנגענומענעם באַשלוס און איינגעטיילט פון די אָנגעקומענע (פון קאָוונע) פּראָדוקטן אויך פאַר די יידישע אַנשטאַלטן. ער האָט זיך אָבער אָנגעשטויסן אויף אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד מצד די אָנגעשטעלטע פון דער אָפּטיילונג (דורכאויס פּאָליאַקן), וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז דורכדעם, וואָס מען טיילט איין די יידישע אַנשטאַלטן, נעמט מען דאָך צו די פּראָדוקטן פון די פּוילישע, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ

*) 2 יידן, 2 פּאָליאַקן, 2 ליטווינער און 1 ווייסרוס. דער אָרט פון פּרעזידענט און וויצע=פּרעזידענט האָבן פאַרנומען די 2 ליטווינער.

*) אין דער ווירקלעכקייט איז דאַמאָלסט דער קורס געווען פון 7 ביז 10 פּוילישע פעניג אַ סאָוועטישער רובל.

סדרה פון מסירות, געהיימע און אָפענע צום דאַמאָלסטיקן שטאָט־פּרעזידענט ה׳ קימאָנט אויפן יידישן לאַווניק ה׳ שאַפּיראָ. אויך אין דער איינציקער דאַן פּוילישער צייטונג „גאַזעטאַ קראַיאָוואַ“ האָבן זיך באַוויזן נאָטיצן, בריוו און אַפילו אַרטיקלען וועגן די עוולות, וואָס דער יידישער לאַווניק באַגייט בנוגע צו די קריסטלעכע אַנשטאַלטן*).

נאָר דאָס אַלץ וואָלט נאָך געווען אַ קנאַפּער אומגליק, ווען דער מאַגיסטראַט וואָלט פאַקטיש געהאַט די מעגלעכקייט אויסצופירן די התחייבותן, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען. די צרה איז אָבער געווען, וואָס דער קאָוונער דערנערונגס־דעפּאַרטאַמענט האָט, שיקנדיק די פּראָדוקטן קיין ווילנע, געמיינט, אַז ער וועט פון ווילנער מאַגיסטראַט באַקומען באַצאָלט פאַר די פּראָדוקטן במזומנים און טאַקע אויף פּרייזן ניט צו מציאהדיקע. ביי דער שלעכטער פינאַנסיעלער לאַגע, אין וועלכער דער ווילנער מאַגיסטראַט געפינט זיך שטענדיק און באַזונדערס אין יענער איבערגאַנגס־צייט, האָט אָבער גאָר ניט געקענט זיין קיין רייד וועגן באַצאָלן במזומנים פאַר די פּראָדוקטן, וואָס די אַנשטאַלטן האָבן פאַרברויכט. און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון שריפטלעכע און טעלעגראַפישע אונטערהאַנדלונגען צווישן ווילנער מאַגיסטראַט און קאָוונער דערנערונגס־דעפּאַרטאַמענט, וועלכע האָבן זיך פאַרצויגן אַ פּאָר וואָכן. די לאַגע אין די אַנשטאַלטן איז געווען זייער קריטיש, און במילא איז די פראַגע וועגן די יידישע מוסדים, וועלכע זיינען שוין געוועזט אויסגעהאַלטן געוואָרן דורכן מאַגיסטראַט, ווידער אַרויפגעשוואומען אויפן סדר־היום, אָבער דאָסמאָל שוין ביי גאָר ניט גינסטיקע פאַר אונז באַדינגונגען, וואָרים די ביזאהעריקע אונטערשטיצונג פון די ליטווישע און ווייסרוסישע לאַווניקעס, האָט שוין געפעלט. פון די לאַנגע אונטערהאַנדלונגען מיט קאָוונע איז קלאָר געוואָרן, אַז אָן געלט וועט מען קיין פּראָדוקטן פון קאָוונע ניט שיקן, און אַז די שוין געשיקטע ווערן אויך פאַררעכנט פאַר אַ חוב, וואָס מ׳וועט דאַרפן דעקן...

אַוועקשטעלן זיך אויף דעם פּרינציפּיעלן שטאַנדפּונקט, אַז אויב מ׳קען ניט אויסהאַלטן קיין יידישע מוסדים, זאָל מען אויך ליקווידירן די פּוילישע, איז געווען אוממעגלעך, ווייל קודם־כל איז פאַקטיש ניט געווען אין דעם מאָמענט וועמען איבערצוגעבן די 7 פּוילישע אַנשטאַלטן מיט די קליינע קינדער און זקנים; די פאָרשטייער פון דער פּוילישער געזעלשאַפט זיינען זיך געווען צעלאָפן, דער פּוילישער קאָמיטעט האָט זיך נאָך כמעט ווי ניט אָרגאַניזירט און האָט ניט געהאַט קיין מיטלען, און עס וואָלט געווען ניט פּאָליטיש און ניט יושרדיק פון אונזער זייט צו שטעלן די פראַגע אין אַזאַ פלאַך. אַגב איז כדאַי צו באַמערקן, אַז די ליטווינער וואָלטן אויך דערויף ניט געגאַנגען, ווייל ערשטנס זיינען זיי ניט געווען פריי פון דער פּוילישער הינטערקוליסנדיקער השפּעה און געשטרעבט אַרויסצווייזן וואוילגעניגטקייט צו די פאָדערונגען פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, און אַחוצדעם זיינען זיי בנוגע דער ווילנער שטאָטישער ווירטשאַפט, געשטאַנען אויף דעם פּרינציפּ ניט צו ברעכן דאָס אַלטע און ניט אַרויפצונעמען אויף זיך קיינע התחייבותן.

מען דאַרף אויך ניט פאַרגעסן, אַז די אָנגעשטעלטע פון די פּוילישע אַנשטאַלטן זיינען געווען פאַררעכנט פאַר שטאָטישע און האָבן במילא געהערט צום פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די שטאָטישע אָנגעשטעלטע, וועלכער וואָלט באַשטימט באַשיצט זייערע אינטערעסן ביי אַ פאַל, ווען עס וואָלט זיך געהאַנדלט

*) שוין שפּעטער, ווען די ליטווינער זיינען אַרויס פון ווילנע, האָבן זיך באַוויזן אין אייניקע וואַרשעווער צייטונגען קאָרעספּאָנדענצן פון ווילנע, אין וועלכע די זאַך ווערט טענדענציעז באַצייכנט אַלס אונטערדריקונג פון די פּוילישע אַנשטאַלטן מצד דעם יידישן לאַווניק.





וועגן פאַרמאַכן די פּוילישע אַנשטאַלטן. דער פאַרבאַנד פון די אָנגעשטעלטע (95 פּראָצ. פון די מיטגלידער—פּאָליאַקן), וואָלט באַשטימט פּשוט ניט צו דערלאָזן, אַז מ׳זאָל די אַנשטאַלטן פאַרמאַכן.

דער רעזולטאַט פון די לאַנגע אונטערהאַנדלונגען און וויכּוחים אין מאַגיסטראַט און אין דער ספּעציעלער קאָמיסיע, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן צו ערליידיקן דעם ענין (1 ייד, 1 פּאָליאַק, 1 ווייסרוס) איז געווען, אַז דער מאַגיסטראַט נעמט אַראָפּ פון זיך דעם חוב אויסצוהאַלטן מיט פּראָדוקטן די יידישע אַנשטאַלטן, ער איז זיך אָבער מתחייב אַרויסצוצאָלן דער יידישער קהילה 300 טויזנט פּוילישע מאַרק יעדן חודש, אַלס סובסידיע פאַר די יידישע אַנשטאַלטן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די יידישע לאַווניקעס האָבן געשטימט קעגן דעם פאָרשלאָג, ער איז אָבער פאָרט אָנגענומען געוואָרן.

נאָר אַפילו אָט דעם פּראָיעקט איז אויך ניט באַשערט געווען פאַרווירקלעכט צו ווערן: אין שטאָט האָט אָנגעהויבן צו ווערן אומרואיק, עס האָבן זיך באַקומען געהיימע ידיעות, אַז געוויסע אָפּטיילונגען פון דער פּוילישער אַרמיי, וועלכע זיינען ניט געבליבן צופרידן מיטן סובאַלקער אָפּמאַך צווישן די פּאָליאַקן מיט די ליטווינער, האָבן זיך „אָפּגעריסן“ און גייען אויף ווילנע אַרויסצוטרייבן די ליטווינער. אַז די ידיעות האָבן אונטער זיך אַ גרונד, איז שוין געווען צו מערקן אָן די פּוילישע אָנגעשטעלטע פון מאַגיסטראַט, וועלכע האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן אַרויסצווייזן אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד, באַזונדערס בנוגע דעם נייעם יידישן לאַווניק יונה שאַפּיראָ. די דערמאָנטע געשיכטע מיט די אַנשטאַלטן, דאָס ענטפערן די יידישע אינטערעסאַנטן דווקא אין יידיש, דאָס אויפהענגען אַ יידיש שילדל איבער דער טיר פון קאַבינעט, דאָס צונעמען בקשות אין יידיש, דאָס אַלץ האָט די ענדעקישע אָנגעשטעלטע אַריינגעבראַכט אין גרעסטן גרימצאָרן קעגן אים. אין דער זעלביקער צייט האָט זיך דורך דער קאָוונער רעגירונג פּראָיעקטירט צו אָרגאַניזירן אין ווילנע אַ ספּעציעלע אינסטיטוציע פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, וועלכע זאָל האָבן איר אויפגאַבע צו עפענען פאָלקס־קיכן, ביליגע קיכן פאַר דער אינטעליגענץ וכדומה. די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט לויט איר סטאַטוט פאָראויסגעזען אַ גאַנץ ברייטע סאָציאַלע טעטיקייט, נאָר אויף דער ערשטער צייט האָט זי זיך געדאַרפט פאַרנעמען בלויז מיטן עפענען די פאַרמאַכטע קיכן.

די אָרגאַניזירונג פון דער אינסטיטוציע האָט אייגנטלעך געזאָלט איבערגעגעבן ווערן דעם יידישן לאַווניק, וועלכער איז געשטאַנען בראש פון דער שטאָטישער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, אָבער צוליב די אינטריגעס, וועלכע האָבן זיך געפירט אַרום אים ווי אויך צוליב די פיל אָנקלאָגעס, וועלכע די פּוילישע אָנגעשטעלטע פלעגן אויף צים אָנגעבן אין מאַגיסטראַט, האָט מען עס איבערגעגעבן דעם ווייסרוס טשיזשעווסקי.

זעענדיק, אַז ער האָט פאַרלאָרן די מעגלעכקייט סיי צו באַזאָרגן די יידישע אַנשטאַלטן, סיי צו ווירקן אויפן ניי־געשאַפענעם אַפּאַראַט פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, האָט זיך ה׳ שאַפּיראָ אַלס פּראָטעסט אַנטזאַגט צו פאַרוואַלטן מיט דער שטאָטישער אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, בלייבנדיק נאָר ביי דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג.

די פּאָליטישע קאָמיסיע ביי דער קהילה איז געווען זייער אומצופרידן, וואָס דער יידישער לאַווניק האָט אָנגענומען אַזאַ שריט, ניט אָנפרעגנדיק פריער ביי איר. די לאַגע אָבער האָט זיך געשאַפן פאַקטיש אַזאַ, אַז ה׳ שאַפּיראָ האָט אַנדערש ניט געקענט האַנדלען. וואָרים אַלס שעף פון דער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג וואָלט אים אויסגעקומען צו פאַרזאָרגן בלויז די פּוילישע אַנשטאַלטן, לאָזנדיק די יידישע זיך באַנוגענען מיט די צוגעוואָרפענע 300.000 מאַרק אַ חודש...

די אַלגעמיינע באַציאונג צווישן די יידישע און קריסטלעכע לאַווניקעס איז פון אויבנאויף געווען אַ גאַנץ קאָרעקטע און זאַכלעכע. ווי איך האָב אָבער שוין דערציילט, האָט הינטער די קוליסן פון מאַגיסטראַט, אין די קאַנצעליאַריעס און אַנשטאַלטן, וואו כמעט אַלע אָנגעשטעלטע זיינען געווען פּאָליאַקן, געהערשט אַ אמת אַנטיסעמיטישע אַטמאָספערע און במילא אַ נעגאַטיווע באַציאונג צום יידישן שעף פון די אָפּטיילונגען. אין מאַגיסטראַט גופא איז דאָס אָבער ניט געווען צו באַמערקן. עס איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז ביי פאַרשיידענע יידישע געזעלשאַפטלעכע ענינים האָט די יידישע קהילה געגאָלטן אַלס קאָמפּעטענטע אינסטאַנץ. אַזוי, למשל, ווען אייניקע יידישע אינסטיטוציעס האָבן זיך משתדל געווען פאַרן מאַגיסטראַט וועגן אַראָפּנעמען אָדער פאַרקלענערן זיי דעם פאַרוויילונגס-שטייער פון זייערע אונטערנעמונגען, פלעגט דער מאַגיסטראַט שטענדיק פאָדערן אַ באַשטעטיקונג פון דער קהילה, אַז די אונטערנעמונג און די אינסטיטוציע זיינען דורך איר לעגאַליזירט.

---

## V. „מיטל-ליטע".

די געשעענישן הייבן זיך אָן רוקן מיט אַ שנעלן טעמפּ און אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָבן די ליטווינער געמוזט אָפּטרעטן זייער פּלאַץ דער פּוילישער אַרמיי, וועלכע איז, שוין אונטער דעם נאָמען „מיטל-ליטווישע", אַריינגעדרונגען אין שטאָט מיט גענעראַל זשעליגאָווסקי בראש (דעם 10-טן אָקטאָבער 1920).

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מיטן אומבייט פון דער פּאָליטישער מאַכט אין קאַנט האָט זיך אויך געמוזט בייטן די לאַגע אין מאַגיסטראַט.

דער דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פאַר די אינווייניקסטע ענינים פון מיטל-ליטע ה' וויטאָלד אַבראַמאָוויטש האָט אַריינגעשיקט דעם מאַגיסטראַט אַ פאַראָרדענונג, ער זאָל פּראָוויזאָריש בלייבן אויפן פּלאַץ און אויספילן זיינע פונקציעס ביז וואַנען עס וועט קומען צוריק דער פריערדיקער אויסגעקליבענער מאַגיסטראַט. גלייכצייטיק אָבער איז ער מודיע, אַז אַלס פּרעזידענט ווערט באַשטימט דער פּוילישער לאַווניק ה' דזיעוויצקי.

אַלס ענטפער אויף דער פאַראָרדענונג האָט דער ליטווישער פּרעזידענט ה' קימאַנט און דער וויצע-פּרעזידענט ה' סטאַנקעוויטש זיך אָנגעגעבן אין דעמיסיע און אין די יידישע אָנפירנדיקע קרייזן איז אַרויפגעשוואומען די פראַגע, ווי אַזוי די יידישע לאַווניקעס האָבן זיך צו פאַרהאַלטן צו די פאַרענדערונגען אין מאַגיסטראַט.

אויף איינער פון די זיצונגען פון דער יידישער פּאָליטישער קאָמיסיע איז באַשטימט געוואָרן, אַז דער יידישער לאַווניק ה' שאַפּיראָ זאָל בלייבן אויף זיין פּאָסטן, ביז וואַנען עס וועט קומען דער אַלטער מאַגיסטראַט. וועגן דעם צווייטן יידישן לאַווניק ה' קאַבאַטשניק איז ניט געווען קיין פראַגע, ווייל ער איז אויך געווען מיטגליד פון אַלטן „פּוילישן" מאַגיסטראַט. עס איז אויך געבליבן אויף זיין פּאָסטן דער ווייסרוסישער לאַווניק ה' טשישעווסקי.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז זיך צונויפגעפאָרן דער פריערדיקער מאַגיסטראַט מיט פּרעזידענט באַנקאָווסקי בראש און האָט איבערגענומען צוריק די הנהגה איבער דער שטאָטישער ווירטשאַפט.

שוין גלייך צו דער ערשטער פּלענאַרער זיצונג פון שטאָטראַט איז פון דער פּוילישער מערהייט פאָרגעלייגט געוואָרן אַרויסצוטראָגן אַ פייערלעכע באַגריסונג דער „מיטל-ליטווישער" אַרמיי מיט איר פירער ה' זשעליגאָווסקי, און אַ דאַנק פאַר איר באַפרייען ווילנע פון דער ליטווישער און באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע. די יידישע ראַטמענער האָבן זיך אַנטזאַגט צו נעמען אָן אָנטייל אין דער אָפּשטימונג פון דעם פאָרשלאָג, געפינענדיק, אַז דאָס איז אַ פּאָליטישע פראַגע, מיט וועלכער דער שטאָטראַט דאַרף זיך ניט פאַרנעמען. דאָס גלייכן האָבן זיך די יידישע ראַטמענער אין אַ פּאָר חדשים שפּעטער אַנטזאַגט צו נעמען אָן אָנטייל אין דער אָפּשטימונג וועגן אויסקלייבן דעם פּוילישן מלוכה-שעף ה' יוזעף פּילסודסקי און דעם גענעראַל זשעליגאָווסקי אַלס ערנבירגער פון דער שטאָט ווילנע. דער וויצע-פּרעזידענט ה' לאָקוציעווסקי האָט זיך דאַן באַמיט צו באַווייזן די יידישע ראַטמענער, אַז דאָס איז ניט קיין פּאָליטישער ענין, וואָרים דאָס רעכט צו באַשטימען פאַר ערנבירגער פון אַ שטאָט גייט אַריין אין די געוויינלעכע פונקציעס פון זעלבסטפאַרוואַלטונגען אויף דער גאַנצער וועלט; די יידישע ראַטמענער האָבן אָבער ערקלערט, אַז אין איצטיקן מאָמענט, ווען דער גורל פון ווילנע איז נאָך אומבאַשטימט, איז דאָס אויסקלייבן פאַר ערנבירגער די אויבנדערמאָנטע גענערעלער אַ ריין פּאָליטישע אַקציע. ביי דער באַהאַנדלונג פון דער פראַגע האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ זייער כאַראַקטעריסטישע סצענע: ווען דער פאָרשלאָג איז אַריינגעטראָגן געוואָרן, האָבן די פּוילישע ראַטמענער געמאַכט אַ שטורמישע אָוואַציע לכבוד די דערמאָנטע גענערעלער, אויפשטייענדיק פון זייערע פּלעצער. אַ טייל פון די יידישע ראַטמענער, האַלטנדיק, אַז דאָס אויפשטיין פון די ערטער וועט אָנגענומען ווערן אַלס אָנטייל אין די אָפּשטימונגען, זיינען געבליבן זיצן, וואָס עס האָט באַוואויגן דעם באַוואוסטן ענדעקישן ראַטמאַן ה' אומיאַסטאָווסקי אַרויסצוטרעטן מיט אַ העצע קעגן די יידישע ראַטמענער, וועלכע האָבן זיך ערלויבט ניט צו שטעלן זיך בשעת די אָוואַציעס לכבוד אַזוינע בכבודיקע פּוילישע פּערזענלעכקייטן — און פאָרגעלייגט, אַז דער שטאָטראַט זאָל אָננעמען קעגן זיי וועלכע עס איז מיטלען. די איבעריקע פּוילישע ראַטמענער האָבן, פאַרשטייענדיק די טאַקטלאָזיקייט פון ה' אומיאַסטאָווסקיס אַרויסטרעטונג, ניט דערלאָזן צו קיין ווייטערדיקע וויכוחים אין דער פראַגע...

צו די וויכטיקסטע מאָמענטן אין דער געשיכטע פון דער ווילנער זעלבסטפאַרוואַלטונג געהערט דער קאַמף, וואָס די יידישע ראַטמענער איז אויסגעקומען צו פירן פאַר דער מוניציפּאַליזירונג פון די יידישע אַנשטאַלטן. עד-היום נאָך איז די פראַגע ניט פעסט געלייזט געוואָרן. אין חודש פעברואַר האָבן די יידישע ראַטמענער אַריינגעטראָגן אַ דרינגענדיקן פאָרשלאָג, אַז די פראַגע זאָל איינמאָל פאַר אַלעמאָל געלייזט ווערן, און נאָך אַ גרויסן ישוב-הדעת איז אָנגענומען געוואָרן, אַז דער מאַגיסטראַט דאַרף אַרויסצאָלן דער יידישער קהילה 36 פּראָצ. פון די אויסגאַבן, וועלכע ער האָט ביים אויסהאַלטן פּוילישע אַנשטאַלטן. דער באַשלוס איז אַריין אין קראַפט און די קהילה האָט אין משך פון עטלעכע חדשים דערהאַלטן אין געלט און אין פּראָדוקטן אַן ערך פון אַ 1/2 מיליאָן פּוילישע מאַרק אַלס סובסידיע פאַר די יידישע אַנשטאַלטן. נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ בהדרגהדיקע פאַרקלענערונג פון דער סובסידיע, אַזוי אַז אין די חדשים יוני און יולי האָט זיך שוין באַקומען נאָר אַ סומע פון אומגעפער 60 טויזנט מאַרק. די סיבה דערפון איז געווען, וואָס אין דער דאָזיקער צייט האָט דער מאַגיסטראַט אָנגעהויבן צו באַקומען פון דער מזכּט אַ אונטערשטיצונג פאַר די ניט-ווילנער קינדער, וועלכע עס געפינען זיך אין די שטאָטישע פּוילישע אַנשטאַלטן. באַקומענדיק די אונטערשטיצונג אין אַ סומע פון 800 טויזנט מאַרק אַ חודש, פלעגט במילא אויסקומען, אַז דער מאַגיסטראַט איז געוואָרן אַ קלענערער בעל-הוצאה אויף אויסצוהאַלטן זיינע אינסטיטוציעס און די נאָרמע 36 פּראָצ. פאַר די יידישע אַנשטאַלטן איז שוין אויסגעקומען בלויז פון דער סומע, וועלכע דעם מאַגיסטראַט איז אויסגעקומען צו דערלייגן צו דער רעגירונגס-סובסידיע. דער מאַגיסטראַט האָט זיך דאָ באַנוצט מיטן פאָרמעלן באַשלוס

פון פלענום, אַז מ׳דאַרף אַרויסגעבן נאָר 36 פּראָצ. פון די אַלגעמיינע הוצאות פון דער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג.

די יידישע ראַטמענער האָבן וועגן דעם א יפגעהויבן אַ ויצעקו, ווייל אַזאַ אויסטייטשונג וואָלט אַנולירט דאָס אַלץ, וואָס איז מיט אַזוי פיל מי אויסגעקעמפט געוואָרן. די פראַגע איז ווידער באַהאַנדלט געוואָרן אין שטאָטראַט און אין די קאָמיסיעס און האָט זיך פאַרצויגן אויף עטלעכע זיצונגען, ביי וועלכע עס זיינען געווען כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן. אַזוי, למשל, האָט דער פאָרזיצער שטרעבנדיק דורך כאַרשיידענע מיטלען אָפּצוציען די פראַגע וועגן די יידישע אַנשטאַלטן, אויף דער זיצונג פון... יולי אָנשטאָט צו באַהאַנדלען די פראַגע לויט דער ריי פון דעם סדר-היום, פאַרנומען דעם גאַנצן אָוונט מיט זייטיקע אָדער שפּעטיקערע פראַגן. דאָס האָט אַרויסגעבראַכט פון געדולד די יידישע ראַטמענער און זיי האָבן אויפגעפאָדערט דעם פּרעזידענט, אַז ער זאָל ניט אַריבערהיפּן די יידישע כּראַגע. דער פּרעזידענט האָט אָבער זיך געהאַלטן ביי דעם, אַז עס איז זיין רעכט צו שטעלן פריער די פראַגן, וועלכע ער געפינט פאַר וויכטיקער, אָפּלייגנדיק די ווייניקער וויכטיקע פראַגן אויף שפּעטער. ד״ר וויגאָדסקי האָט אין גרויס אויפרעגונג געפאָדערט פון פאָרזיצער, אַז ער זאָל פריער פרעגן ביים פּלענום, צי איז וויכטיקער די פראַגע וועגן די הונגעריקע קינדער און זקנים פון די יידישע אַנשטאַלטן, אָדער די פראַגע וועגן דער טאַקסע פאַר פורמאַנעס, וואָס דער פּרעזידענט געפינט פאַר וויכטיקער צו שטעלן פריער.

דער פּרעזידענט האָט געמוזט עס אָפּשטימען, און די פּוילישע מערהייט האָט געפּסקנט, אַז די טאַקסע פאַר פורמאַנעס איז אַ פראַגע אַ מער וויכטיקערע און דעריבער דאַרף זי פריער באַטראַכט ווערן. די יידישע ראַטמענער האָבן דאַן אין גרויס אויפרעגונג פאַרלאָזן דעם זאַל אַלס פּראָטעסט און דער ראַטמאַן ברוך לובאַצקי איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ פּראָטעסט-רעדע אין יידיש. דער פאָרזיצער ערלויבט ניט דעם רעדנער צו ריידן אין יידיש, דער רעדנער אָבער האָט ניט געפאָלגט און גערעדט ווייטער. עס איז געוואָרן אַ גרויסער טומל און דער פאָרזיצער האָט געשלאָסן די זיצונג.

דער ענין האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרעגונג אין דער יידישער געזעלשאַפט און פּרעסע און דער מאַגיסטראַט איז געצוואונגען געווען צו באַשטימען אַ עקסטראָרדינאַרע זיצונג פון שטאָטראַט אום צו מאַכן אַ סוף צו דער פראַגע וועגן די יידישע אינטערנאַטן. ס׳איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, אַז דער מאַגיסטראַט זאָל בעטן די מאַכט זי זאָל גלייכצייטיק מיט דער אונטערשטיצונג פאַר די קריסטלעכע אינטערנאַטן, אויך אַרויסגעבן אונטערשטיצונג פאַר די יידישע אַנשטאַלטן, וואו עס געפינען זיך אויך אַ סך ניט-ווילנער קינדער.

דער רעזולטאַט פון דער אַקציע איז נאָך פאָרלויפיק ניט באַוואוסט, נאָר מ׳האָפט, אַז די פראַגע זאָל געלייזט ווערן לטובת די יידישע אַנשטאַלטן.

אונטערציען אַ סך-הכל פון דער טעטיקייט פון דער יידישער פאָרשטייערשאַפט אין שטאָטראַט איז נאָך צו פרי, ווייל די איצטיקע סעסיע איז נאָך ניט געענדיקט. מען קען שוין אָבער פאָראויס זאָגן, אַז לײדער וועט ניט זיין צו פאַרצייכענען קיין צו גרויסע דערגרייכונגען. מען מוז זיך אָבער איינמאָל פאַר אַלעמאָל קלאָר מאַכן, אַז כל-זמן די יידישע ווילנע וועט ניט זיין ביכולת צו שיקן אין שטאָטראַט די צאָל ראַטמענער, וואָס עס קומט איר לויט איר אמתער צאָל אין שטאָט, וועלן די יידישע פאָדערונגען און באַרערפענישן זיך אָנשטויסן אויף אַ האַרטער וואַנט פון דער פּוילישער אַנטיסעמיטישער ענדעציע.

זומער 1921.



י. הירשאָווסקי.

# ביכער, ספרים, ארכיוון פאר דער צייט פון די אקופאציעס.

.I

נאָכדעם ווי עס איז געפאַלן די קאָוונער פעסטונג—דאָס איז געווען אינמיטן זומער 1915—און די דייטשן האָבן זיך דורכגעריסן אויך אין אַ פּאָר אַנדערע ערטער, האָט מען באַשלאָסן וואָס צום גיכסטן צו עוואַקוּאירן ווילנע, און מ׳האָט זיך גענומען קלייבן, אין גרויס אײַלעניש, בחפזון.

אין דער ערשטער ריי האָט מען געזען אַרויספירן אַלץ, וואָס געהערט צו מיליטער; נאָכדעם האָבן זיך עוואַקוּאירט די פילע מלוכישע אַנשטאַלטן מיט די צענדליקער טויזנטער אָנגעשטעלטע מיט זייערע פאַמיליעס. אין דער דריטער ריי זיינען געגאַנגען פּריוואַטע אונטערנעמונגען. באַזונדערס האָט מען געגעבן די מעגלעכקייט אַרויסצופירן מאַשינען פון פאַבריקן, מעש, קופּער, אײַזן, לעדער און אַנדערע סחורות, וואָס מען האָט ניט געוואָלט, אַז זיי זאָלן אַרייַנפאַלן, חלילה, צום דייטש. אָבער אויך דאָס אַרויספירן פון די דאָזיקע סחורות איז אָנגעקומען מיט פיל שוועריקייטן, מיט שטיין אין „אָטשערעדן" און מיט גרויסע הוצאות, און דאָס דווקא אין גאָלד. ווייטער איז דאָס אַרויספירן פון פּריוואַט-זאַכן און דער עצם אָפּפאָרן פון ווילנע געווען פאַרבונדן כמעט מיט מסירת-נפש. די לעצטע צייט האָט מען געקאָנט אָפּפאָרן נאָר פון ווילייקע, וואו ס׳איז געווען אַ מוראדיקע ענגעניש, ממש מיט סכנות-נפשות איז מען געקראָכן אין די וואַגאָנעס דורך די פענסטער, מ׳האָט זיך קוים מיטן לעבן אַרויפגעכאַפּט אויף די פּלאַטפאָרמעס, אָנגעהאַנגען זיך אויף די טרעפּלעך, אַבי צו אַנטלויפן פון דער פאָרשטייענדיקער (ווי מ׳האָט זיך דאַמאָלסט פאָרגעשטעלט) גרויסער געפאַר. ס׳איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ביי אַזאַ לאַגע האָט מען גאָר ניט געקענט קלערן וועגן מיטנעמען מיט זיך וועלכע ס׳איז שטוב-זאַכן, ווי מעבל, אָדער ביכער. יעדערער איז געווען צופרידן, אַז ער האָט זיך אַליין אַרויסגעראַטעוועט און האָט געקאָנט אַרויסכאַפּן נאָר די סאַמע נייטיקסטע בגדים און וועש.

און עס זיינען פאַרבליבן אויף הפקר אין די פאַרלאָזענע וואוינונגען די אַלע שטוב-זאַכן און מעבל, ווי אויך די פילע ביכער-אוצרות, וועלכע זיינען געווען אין די ווערטפולע ביבליאָטעקן פון פאַרשיידענע מלוכישע, געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן און שולן, ווי אויך ביי טויזנטער פּריוואַט-מענטשן. ניט בלויז פּריוואַט-פּערזאָנען, וואָס האָבן דערצו ניט געהאַט די מעגלעכקייט, נאָר אויך די מיליטערישע אַנשטאַלטן האָבן זייערע „קאַזיאָנע" ביבליאָטעקן ניט אַרויסגעפירט. אין די טעג פון דער עוואַקואַציע האָט מען אין די גאַסן פון ווילנע, וואָס פירן צום וואָקזאַל, געקענט זען גרויסע מיליטערישע וועגן און לאַסט-אַווטאָמאָבילן הויך געפּאַקט מיט פאַרשיידענע הילצערנע אַלטע, אָפט צעבראָכענע, בענק, טישן, בעטן און ד. ג. „קאַזיאָנע" זאַכן; מ׳האָט אָבער ניט אַרויסגעפירט קיין ביכער, זיי האָבן אַפילו געמעגט זיין די בעסטע און די טייערסטע. ווי עס ווייזט אויס, איז אויף ביכער ניט געווען חל דער דין פון אַ „קרוינישן חפץ", וואָס מ׳איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין גאַנצקייט און וועלכן „מען מוז פאַרטיידיקן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט".

אַז די דייטשן זיינען אַריין אין ווילנע, האָבן זיי געפונען הונדערטער ליידיקע, פאַרלאָזענע בנינים און טויזנטער פּוסטע פּריוואַט-וואוינונגען, רייך מעבלירטע, מיט שראַנקן און ראָגאַלן געפּאַקט מיט ביכער, צווישן וועלכע עס זיינען געווען פיל טייערע אויסגאַבן אין פּראַכטפולע בענדער (יאָרנלאַנג, פאַרן קריג, האָבן פאַרשיידענע אַגענטן און אָרטיקע קאַנטאָרן אָנגעטיילט יעדעס הויז, יעדן באַאַמטן מיט נייטיקע און מיט אומנייטיקע ביכער, פּראַכט-אויסגאַבן פון בראָקהויז, „פּראָסוועשטשעניע", „קולטוראַ" און אַנדערע—אויף אויסצאָלן מאָנאַטלעך אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר, צו 5—10 רובל אַ חודש). די פאַרלאָזענע וואוינונגען און גאַנץ געבליבענע הייזער האָבן די דייטשן גלייך פאַרנומען, אײַנריכטנדיק אין זיי זייערע אַנשטאַלטן און פּריוואַט-וואוינונגען. דאָס מעבל האָבן זיי באַלד רעקוויזירט. יעדער לייטענאַנטל און דייטשער באַאַמטער האָט זיך אײַנגעריכט אַ קאָמפאָרטאַבעלע וואוינונג. פיל מעבל האָבן זיי מיט דער באַן אַרויסגעשיקט קיין דייטשלאַנד.

אָבער אין די רוסישע און יידישע ביכער און ספרים, וועלכע עס האָבן זיך געפונען אין די אַלמערס און די ראָגאַלן, האָבן זיי קיין אינטערעס ניט געפונען. זיי האָבן דאָס איבערגעגעבן אין דעם רשות פון זייערע באַדינער, בורשן, וועלכע האָבן אַ טייל דערפון פאַרניצט אויף אונטערצוהייצן די אויוונס, אויף הצטרכות אין אַנדערע ערטער, און בכלל האָבן זיי עס אַרויסגעוואָרפן אין די קעמערלעך פון האָלץ, אויף די ביידימער און אין די קעלערן. אַנדערע האָבן די ביכער אָפּגעגעבן אין די הענט פון די סטרעזשער און געמאַכט זיי אויף דעם פאַר בעלי-בתים.

די נייע אייגנטימער פון די ביכער האָבן אַפריער געפּרובט פאַרקויפן זיי אין די בוכקראָמען. אָבער די בוכקרעמער זיינען דאַן געווען גאַנץ ווייט פון צו קויפן נייע ביכער און פאַרגרעסערן זייערע לאַגערן, ווייל דער בוכהאַנדל האָט זיך דאַמאָלסט אינגאַנצן אָפּגעהאַקט, און יעדער בוכהענדלער איז געווען אין איין צער, וואָס ער איז פאַרבליבן מיט זיינע לאַגערן דאָ און האָט זיי ניט אָפּגעשיקט באַצייטנס קיין רוסלאַנד. ווי ווייט די בוכהענדלער זיינען דאָ געווען געפאַלן מיט זייער סחורה, קען מען זען דערפון, צום ביישפּיל, וואָס איין בוכהענדלער האָט אַלע ביכער פון זיין ביבליאָטעק, וועלכע האָט עקסיסטירט צענדליקער יאָרן, אַליין פאַרקויפט צו 5—10 קאָפּ. אַ שטיק — איינעם וואָס האַנדלט מיט אַלטוואַרג; נאָך אַ גרויסע אַלטע פירמע האָט פאַרקויפט אויפן וואָג, ווי מאַקולאַטור, אַלע פאַרלעגענע ביכער, וועלכע האָבן אין פרידנסצייט געהאַט אַ קליינעם אָפּגאַנג. אויך אַ סך יידישע דרוקן און פאַרלעגער האָבן פאַרקויפט אויפן פוד (צו 5—6 רובל אַ פוד) פיל פון זייערע פאַרלאַגן, וועלכע זיינען שווער געגאַנגען אין פרידנסצייט, רעשטן, דעפעקטע ספרים, צו וועלכע מען האָט געדאַרפט דערדרוקן בלעטער; עס זיינען פאַרקויפט געוואָרן אין מאַקולאַטור — צום ווּיקלען — אפילו בויגנס פון סידורים, תנכן און אַנדערע הייליקע ספרים מיט רש"י-אותיות. ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די רבנים האָבן געפונען פאַר נייטיק אַרויסצוגעבן אַן איסור, אַז מען זאָל פון יידישע ספרים ניט מאַכן קיין זעקלעך און ניט ווּיקלען מיט זיי קיין סחורות. אָבער דאָס רוב פון דער יידישער מאַקולאַטור איז אַרייַנגעפאַלן אין קריסטלעכע קראָמען, וועלכע האָבן זיך נאַטירלעך מיטן איסור ניט גערעכנט און האָבן געווּיקלט אין בלעטער פון כתבי-קודש ברויט, זייף, הערינג א. אַז. וו.

ניט געפינענדיק, ווי געזאָגט, קיין קונים אויף די ביכער ביי די בוכהענדלער, האָבן די סטרעזשער און די אַנדערע בעלי-בתים גענומען פאַרקויפן זיי אין גאַנצע זעק צו שפּאָט ביליגע

פרייזן (צו 1—2 רובל אַ פּוד) אין די אַרומיקע שפּייז=קרעמלעך צום פונאַנדעררייסן זיי און וויקלען הערינג, זאַלץ, פּוטער און אַז. וו. אָדער מאַכן פון דעם די נייטיקע פּאַפּירענע זעקלעך. די פּאָליצעס פון די שפּייז=קרעמלעך זיינען דאַמאָלסט געווען פּוסט (ווייל אַלע גרויפּנס, צוקער און איבעריקע באַקאַליי=סחורות האָט מען אָדער פאַרבאַהאַלטן, מורא האָבנדיק פאַר רעקוויזיציעס, אָדער זיי זיינען שוין געווען טאַקע אויסגעקויפט—ביי דער מהומה, ווען יעדערער האָט געזוכט מאַכן זיך אַ „זאַפּאַס") און די שפּייז=קרעמלעך האָבן זיך אַלע אָנגעקויפט די ביכער און די פאַרשיידענע פּאַפּירן פון אַלערליי אַרכיוון און קאַנצעלאַריעס און אָנגעפּאַקט מיט זיי די ליידיקע פּאָליצעס. יעדערער האָט זיך פאַרזאָרגט מיט דעם אַזוי פיל, אַז די גאַנצע צייט, אין משך פון אייניקע יאָרן, האָט זיי דאָס געקלעקט אויף זייער געברויך צו וויקלען און פּאַקן זייערע סחורות און מאַכן דערפון פּאַפּירענע זעקלעך. און אַפילו ביי היינטיקן טאָג קענט איר אין פיל שפּייז=קרעמלעך באַמערקן די איבערשטע פּאָליצעס פאַרלייגט מיט פאַרשטויבטע ביכער, פּאַפּירן און אַקטן פון פאַרשיידענע קאַנצעלאַריעס.

אַיינטיילנדיק די אַלע קרעמלעך מיט די ביכער, האָבן די סטרעזשער און די בורשן פון די דייטשן שפּעטער גענומען פאַרקויפן זיי (באַזונדערס ביכער אין גוטע בענדער), צוזאַמען מיט אַנדערע אַלטע און נייע חפצים, וואָס זיינען פאַרבליבן אין די פאַרלאָזענע הייזער. און אַזוי אַרום האָבן די הענדלער אויף די מערק צו זייער אַלטוואַרג באַקומען גאַנצע ביבליאָטעקן. ביי זיי האָבן זיך אויפגעקליבן אַזעלכע מענגעס ביכער, אַז אַוועקלייגן זיי אויף זייערע טישלעך איז קיין אָרט ניט געווען, און זיי האָבן זיי גענומען איינפאַך אויסלייגן אויפן ברוק פון מאַרק. אַזוי איז אַ צייט געווען אויסגעלייגט מיט ביכער כמעט אַ האַלבער האָלץ=מאַרק, אויף זאַוואַלנע גאַס, און יעדער פאַרבייגייער, וועלכער האָט נאָר דאַמאָלסט געפונען אין ביכער וועלכן ס'איז אינטערעס, האָט געקענט אויסקלייבן וואָס אים פּאַסט אָדער געפעלט צום פרייז פון 10 ביז 20 קאָפּ. אַ שטיק. דער אינטערעס צו ביכער איז דאַן געווען זייער קליין, ווייל יעדערער האָט דאַמאָלסט געזאָרגט ניט פאַר גייסטיק ברויט, נאָר פאַרן ממשותדיקן, צוליב וועלכן עס איז אויסגעקומען צו שטיין אין „אָטשערעד" פון האַלבע נאַכט אָן. דאָך צוליב דער שפּאָט=ביליקייט און דער גרויסער שפע, ווען יעדערער האָט זיך געקאָנט אויסקלייבן וואָס דאָס האַרץ געלוסט, האָבן זיך געפונען בעלנים. און פון טאָג צו טאָג האָבן זיך אויך אַלץ געמערט די פאַרקויפער, וועלכע האָבן דערצו איינגעריכט אויף די מערק טישן מיט דעכלעך (בודעס). אַזוי האָבן זיך געגרינדעט אויפן האָלץ=מאַרק 4 אַזעלכע „געשעפטן", לעבן די „האַלעס" 3, (אַחוץ וואָס אין „האַלע" גופא איז יעדע קרעמל און טישל פון אַלטוואַרג געווען אָנגעפּאַקט ביזן סופית מיט ביכער), אייניקע אויף טישקעוויטשעס מאַרק, אויך אויף לוקישקער און שניפּישקער מערק. דער קאָנטינגענט פון די קויפער איז געווען דערהויפּט יונגוואַרג—שילער, וועלכע האָבן זיך פאַרשאַפט פאַר 10—15 קאָפּ. אַ שטיק די געליבטע ביכער פון מיין=ריד, זשול=ווערן, טשאַרסקי אָדער די קלאַסישע ווערק פון פּושקין, לערמאָנטאָוו א. אַז. וו. (אין גוטע בענדער צו 50—60 קאָפּ. אַ שטיק); יונגעלייט, פריילינס, וועלכע האָבן צו 15—20 קאָפּ. געקענט באַקומען די ראָמאַנען פון זייערע געליבטע שריפטשטעלער—ווערביצקאַיאַ, אַרציבאַשעוו, קופּרין א. אַז. וו. עס זיינען געווען אויך ערנסטע, אינטעליגענטע קונים, צום ביישפּיל לערער, וועלכע האָבן געהאַט די מעגלעכקייט פאַר גאַנץ קליינע געלט איינצושאַפן זיך די בעסטע פּעדאַגאָגישע און וויסנשאַפטלעכע ביכער פון די פאַרלאָזענע שול=ביבליאָטעקן; ספּעציאַליסטן האָבן געקענט באַקומען די בעסטע ביכער צו זייער ספּעציאַליטעט—דערהויפּט טעכנישע, מעדיצינישע א. ד. ג. שפּעטער, ווען



עס האָט זיך אַנטוויקלט דער האַנדל און שמוכל, און עס זיינען אַרויסגעשוואומען נייע גבירים, יונגעלייט שמוכליאַרעס, האָבן זיי זיך גענומען באַפּוצן זייערע וואוינונגען מיט ביבליאָטעקן און ביכער=שראַנקען און זיי האָבן גענומען איינקויפן פאַרשיידענע ענציקלאָפּעדיעס פון בראָקהויז, מייער, די יידישע ענציקלאָפּעדיע, קלאַסיקער ווי שילער, שעקספּיר, בייראָן, פּושקין א: אַז. וו., וויסנשאַפטלעכע ביכער און די אויסגאַבן פון „פּראָסוועשטשעניע", „קולטוראַ" און אַנדערע—אַלץ פּראַכטפולע אויסגאַבן אין פיינע, טייערע בענדער—און צו זייער און זייער ביליגע פרייזן. צום ביישפּיל, די ענציקלאָפּעדיע פון בראָקהויז (86 בענדער) פאַר 50—60 רובל, מייערס ענציקלאָפּעדיע (22 בענדער) פאַר 30—40 רובל, די יידישע ענציקלאָפּעדיע (16 בענדער) פאַר 25—30 רובל, בענדער פון די פּראַכטפולע, רייך אילוסטרירטע אויסגאַבן פון „בראָקהויז", „קולטוראַ" צו 1 רוב. אַ באַנד. ווי ווייט די פרייזן זיינען דאַן געווען שפּאָט=ביליג קען מען זען, ווען מען זאָל זיי פאַרגלייכן מיט די פרייזן, וואָס די ביכער רעכענען זיך היינט: בראָקהויז=ענציקלאָפּעדיע 30—40 טויזנט מאַרק, מייערס 15—20 טויזנט, די יידישע 12—15 טויזנט, די אַנדערע פּראַכט=אויסגאַבן, וואָס דאַן האָט מען זיי געקענט קויפן צו 1—2 רובל אַ שטיק, קאָסטן איצט צו 1000—1200 מאַרק און טייערער. אויך די דייטשן פלעגן אָפטמאָל קומען אויפן מאַרק קויפן (אַלץ צו שפּאָט=ביליגע פרייזן) אַנטיקוואַרישע ביכער מיט גראַווורן אין שטאָל, פראַנצויזישע, דייטשע. אַפילו דער אַלטער אייכהאָרן (דער דייטשער פעלדמאַרשאַל) איז אויך געווען אַן אָפטער קליענט אויפן מאַרק, איינקויפנדיק פראַנצויזישע ביכער צו 15—20 פעניג אַ שטיק און נאָך דערצו אין גוטע בענדער.

און אין די בוכקראָמען האָט מען, ווי נאָר עס האָט זיך אָנגעהויבן די דייטשע אָקופּאַציע, טאַקע שוין גאָרניט געלייזט. דער האַנדל, דערהויפּט מיט רוסישע ביכער, האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. מען האָט ניט געפאָדערט ניט בלויז קיין זייטיקע ביכער, נאָר אַפילו לערנביכער, כאָטש שולן האָבן זיך געעפנט, ווייל די דייטשן האָבן פאַרבאָטן צו לערנען אין דער רוסישער שפּראַך. אמת, על פּי אינערציע, אָדער ווייל עס איז נאָך ניט געווען אין יידיש קיין צוגעגרייטע לערער און די נייטיקע לערנביכער, האָט מען זיך נאָך אַלץ באַנוצט מיט רוסישע, אָבער דאָס איז געווען געשמוכלט און באַהאַלטענערהייט. בשעת דער דייטשער שול=אינספּעקטאָר פלעגט קומען אין שול אויף אַ רעוויזיע, פלעגט מען די עטלעכע רוסישע לערנביכער, וועלכע מען האָט גענוצט, אויף גיך באַהאַלטן, אָדער אַפילו אַרויסוואַרפן דורכן פענסטער.

אין אָנפאַנג, ביים אַריינגאַנג פון די דייטשן, האָט מען נאָך אין די בוכקראָמען שטאַרק געפאָדערט פאַרשיידענע אונטעררעכטס=ביכער צו לערנען די דייטשע שפּראַך, ווערטערביכער, געשפּרעך=ביכער אין דייטש=רוסיש אָדער דייטש=פּויליש א. ד. ג. נאָר אַזעלכע ביכער זיינען געווען גאַנץ ווייניק און זיי האָבן זיך גלייך אויסגענומען, און נייע אויסשרייבן איז ניט געווען פון וואַנען. די פירמע זאַוואַדסקי האָט אַרויסגעגעבן אַ קליין ביכל, אין פרייז פון 30 קאָפּ., דייטשע געשפּרעכן אין אַ פּוילישער איבערזעצונג, וועלכער האָט אויסגעהאַלטן אין אַ קורצער צייט עטלעכע אויסגאַבן, ווייל מ'האָט אים שטאַרק געפאָדערט. און דאָס איז כמעט דאָס איינציקע ביכל, מיט וועלכן עס האָבן אָפּערירט, און פון וואַנען עס האָבן די ערשטע צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע געצויגן זייער יניקה די ווילנער בוכהענדלער. בעת קיין געשעפטן מיט ביכער האָט מען שוין ניט געקענט מאַכן, האָבן אייניקע דעם בוכהאַנדל אינגאַנצן אַוועקגעוואָרפן און גענומען זיך צו אַנדערע מסחרים—מיט פּאַפּיר און באַזונדערס מיט אַנזיכטס=קאַרטן, וועלכע האָבן פאַר די דייטשן געהאַט אַ קאָלאָסאַלן אָפּ=

גאַנג, א. א. וו. און אַ פּאָר פון זיי: עלטערע, וועלכע האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו נעמען זיך צו אַנדערע געשעפטן, זיינען טאַקע געשטאָרבן פון דחקות.

אַ ביסל שפּעטער איז געוואָרן אין די בוכקראָמען אַ גרויסער נאָכפרעג אויף טעכנישע ביכער פון פּראַקטישן ווערט, דהיינו: ווי צו פאַבריצירן אָדער אויסאַרבעטן מיט היימישע מיטלען זייף, וואַקס, לעדער, ליכט, טינט, שאָקאָלאַד א. א. וו. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די אַלע אַרטיקלען האָבן גענומען אויספעלן און געוואָרן זייער טייער, און מענטשן אָן פּרנסות, וועלכע האָבן ניט געהאַט וואָס צו טאָן, איז געווען פיל, האָבן זיי געפּרובט אויסאַרבעטן די אויבנדערמאָנטע אַרטיקלען. אמת, עס האָט אויך געפעלט דערצו דאָס נייטיקע רויוואַרג, האָט מען עס אָבער פאַרביטן מיט ערזאַץ=זאַכן: זייף=ערזאַץ, קאַקאַאָ=ערזאַץ און אַז. וו.

נאָכדעם, ווען עס האָט זיך געעפנט דער פּאָסט=פאַרקער מיט דייטשלאַנד, האָט מען גענומען ביסלעכווייז אויסשרייבן די נייטיקע ביכער — אין דער דייטשער שפּראַך געוויינלעך — פון דאָרטן. פיל ביכער האָט מען די ערשטע צייט ניט געקאָנט אויסשרייבן, ווייל די סחורה האָט זיך באַקומען נאָר אין קליינע פּאָסט=פּאַקעטן.

צו יענער צייט האָט זיך אויך געעפנט דאָס פרידנס=געריכט, און צוליב דעם איז געוואָרן אַ נאָכפרעג, אַחוץ אויף די אויבנאָנגעוויזענע ביכער, אויך אויף פאַרשיידענע פאָרמולאַר=ביכער, דהיינו: ווי מען שרייבט בקשות צו דער מאַכט, בריוונשטעלערס, געזעצביכער א. ד. ג. שפּעטער, ווען די דייטשן האָבן שוין באַוויזן פאַר דער צייט צו פאַרפירן באַקאַנטשאַפט אין פיל יידישע און פּוילישע הייזער, האָבן זיי געפונען פאַר נייטיק אויך גרינדלעכער אויסצולערנען די רוסישע און פּוילישע שפּראַך, און אפילו זיך צו באַקאָנען אויך מיט דער ליטעראַטור, כדי זיי זאָלן זיך קענען בעסער און אינטימער אַמוזירן מיט די נייע באַקאַנטע און פריינד. דאַן איז פון זייער זייט געוואָרן אַ גרויסער נאָכפרעג אויף לערנביכער (אין דער דייטשער שפּראַך) צו לערנען רוסיש, פּויליש, פירן אין די דאָזיקע שפּראַכן נייטיקע אונטערהאַנדלונגען, און אויך אויף רוסישע און פּוילישע קלאַסישע ליטעראַטור=זאַכן (טורגעניעוו, פּושקין, לערמאָנטאָוו, מיצקעוויטש, סענקעוויטש און אַזוי ווייטער). קיין גרויסע געשעפטן האָט מען ניט געקאָנט מאַכן אויך מיט דייטשע ביכער, ווייל גלייך האָבן די דייטשן אַליין געעפנט גרויסע בוכגעשעפטן (אויסער וואָס די ביכער האָבן זיך פאַרקויפט אויך אין די קאַנטינעס און אין די צענדליקער פעלדבוכהאַנדלונגען) און מיט זיי האָבן שוין ניט געקענט קאָנקורירן די פּריוואַטע=בוכהענדלער, ווייל די דייטשן פלעגן נאַטירלעך באַקומען די ביכער לייכטער, שנעלער און ביליגער און פלעגן אויך ביליגער פאַרקויפן, נאָר אַבי דאָס מיליטער זאָל באַזאָרגט זיין אויך מיט גייסטיקער שפּייז. פאַרקערט די פּריוואַט=בוכהענדלער האָבן געהאַט ביים אויסשרייבן ביכער גרויסע שוועריקייטן. די ביכער האָט מען געדאַרפט אויסשרייבן דורך דער פּרעסעשטעלע און ביי דער קלענסטער באַשטעלונג, אַפילו פון 1—2 ביכער, האָט מען געדאַרפט אויסשרייבן צו 2 דעקלאַראַציעס, אָנווייזנדיק וואו און ווען דאָס בוך איז געדרוקט, ווער דער פאַרלעגער איז און נאָך פאַרשיידענע פאָרמאַליטעטן, און דערביי פלעגן די באַאַמטע, דורך וועלכע דאָס אַלץ פלעגט דאַרפן דורכגיין, הויפּטזעכלעך די ערשטע צייט, באַגיין זיך זייער פּעדאַנטיש שטרענג און אַפילו ברוטאַל, קוקנדיק אויף די בוכהענדלער פון אויבן אַראָפּ, ווי אויף אונטערטעניקע.

סוף 1918, ווען די דייטשן האָבן שוין געדאַרפט פאַרלאָזן ווילנע און די ליטווינער האָבן געמיינט, אַז זיי בלייבן די בעלי=בתים, האָבן זיי גאַנץ אינטענסיוו גענומען איינקויפן און אָנגרייטן זיך מיט רוסישע ביכער. און אין די בוכקראָמען האָבן זיך אָנגעהויבן צו רירן פון אָרט אַזעלכע ביכער, וואָס פאַר דער גאַנצער צייט זיינען זיי געלעגן ווי שטיינער — ווי יורידישע, עקאָנאָמישע, לאַנדווירטשאַפטלעכע, וועגן שטאָטישער בעל=הבתישקייט, אויך טעכנישע וועגן בויען באַנען, בריקן, שאָסעען, מעדיצינישע און אַנדערע. אָבער ווידער אַמאָל, האָט דאָס געדויערט אַ גאַנץ קורצע צייט.

אַז עס זיינען אַריין (צום ערשטן מאָל) די באָלשעוויקעס, האָבן זיי זיך צוגעכאַפּט צו די רוסישע ביכער טאַקע ווי אויסגעהונגערטע היישעריקן און האָבן גענומען אויסקויפן דערהויפּט לערנביכער פאַר העכערע שולן — מעדיצינישע, עקאָנאָמישע, אויך מיליטערישע, טעכנישע א. ד. ג. שפּעטער האָבן זיי געקראָגן חשק אַרויפצולייגן זייער האַנט אויף אַלע ביכער און ספרים בכלל און סיי ביי זייער ערשטער אָקופּאַציע סיי ביי דער צווייטער, האָבן זיי די בוכקראָמען פאַרחתמעט צו רעקוויזירן אָדער נאַציאָנאַליזירן זיי אינגאַנצן. אָבער ביידע מאָל האָבן זיי עס ניט באַוויזן אויסצופירן פאַקטיש, ווייל זיי האָבן אַליין געמוזט פאַרלאָזן ווילנע, און די בוכקרעמער גופא איז אויסגעקומען אַרונטערצורייסן די אַרויפגעלייגטע זיגלען. דאָך האָבן זיי ביים צווייטן מאָל אַרויסגעפירט אַ טייל ביכער און לערנמכשירים פון צוויי גרעסערע רוסישע בוכגעשעפטן (פון יידישע אייגנטימער) און אין אַ גרעסערער מאָס לערנמכשירים פון אַ פּוילישן פאַרלאַג, וואָס זיינע בעלי=בתים זיינען געווען אַנטלאָפן קיין וואַרשע.

אין דער צייט פון דער ערשטער פּוילישער אָקופּאַציע, נאָכדעם ווי עס איז אַריבער אַ פּאָר חדשים נאָך די איבערגעלעבטע שרעקלעכע טעג און מען האָט זיך עטוואָס באַרואיקט פון די טרויעריקע אַפּריל=געשעענישן, — האָט דער ביכערהאַנדל אַ ביסל ווידער אויפגעלעבט. דער יידישער עולם האָט גענומען איינשאַפן זיך מיט פּויליש=רוסישע ווערטערביכער, ביכער צום אַליינלערנען די פּוילישע שפּראַך, בריוונשטעלערס, פאָרמולאַר=ביכער [(ווי צו שרייבן ביטעס אין די פּוילישע אַנשטאַלטן, וואָס האָבן זיך דאַן געעפנט). ווידער, דאָס פּוילישע פּובליקום האָט גענומען איינקויפן אויך רוסישע ביכער, דערהויפּט וויסנשאַפטלעכע, יורידישע, לאַנדווירטשאַפטלעכע, מעדיצינישע, טעכנישע א. ד. ג. נאַטירלעך אַזעלכע, וועלכע זיינען נאָך ניטאָ אין דער פּוילישער שפּראַך און מיט וועלכע זיי האָבן זיך געמוזט באַנוצן על=פּי הדחק. צו יענער צייט האָבן זיך געעפנט אַ סך פּוילישע שולן; קלענערע, מיטעלע און דער פּוילישער אוניווערסיטעט. ביכער האָט מען שוין געקענט אויסשרייבן פון וואַרשע, לעמבערג, קראָקע און דער מסחר פון פּוילישע ביכער האָט זיך זייער אינטענסיוו פאַרגרעסערט און פאַרברייטערט. דאָך האָבן יידישע בוכהענדלער ניט געהאַט די מעגלעכקייט געניסן וואָס דערפון און מאַכן גרעסערע געשעפטן. אַחוץ וואָס אויך פריער האָבן אין ווילנע עקסיסטירט ניט ווייניק גרויסע פּוילישע בוכגעשעפטן כמעט אַזוי פיל, וויפיל יידישע, וועלכע האָבן אין דער צייט שטאַרק פאַרגרעסערט זייער טעטיקייט, האָבן זיך איצט געעפנט 3 נייע גרויסע פּוילישע בוכגעשעפטן (איינער ספּעציעל פאַר מיליטער, דער צווייטער פון דער פּוילישער לערער=געזעלשאַפט — צו באַדינען אַלע שולן, און דער דריטער פון אַ קאָמפּאַניע גרויסע וואַרשעווער פאַרלעגער און בוכהענדלער, וועלכע האָבן דאָ געמאַכט זייער הויפּטלאַגער פאַר אונזער קאַנט). די אַלע געשעפטן האָבן דעם גאַנצן האַנדל מיט פּוילישע ביכער אַריינגענומען אין זייערע הענט. דערצו נאָך האָבן די וואַרשעווער און היגע פּוילישע בוכהענדלער און פאַרלעגער געשאַפן ביי זיך אַ פאַרבאַנד מיט תקנות, אַז ביכער מיט ראַבאַט פאַרקויפן זיך נאָר די בוכהענדלער, וועלכע זיינען מיטגלידער פון פאַרבאַנד, — און יידישע פירמעס האָבן זיי פאַר מיטגלידער ניט אָנגענומען, אַפילו אַזאַ אַלטע און סאָלידע פירמע ווי סירקין — און די יידישע בוכהענדלער האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקייט די נייטיקע ביכער

ניט אויסצושרייבן פון וואַרשע, ניט צו באַקומען דאָ פון די לאַגערן אויפן אָרט מיט געהעריקן ראַבאַט.

פאַר די 6 וואָכן פון די ליטווינער אין ווילנע איז געווען נאַטירלעך אַ נאָכפרעג אויף ליטווישע ווערטער⸗ביכער, ביכער צום לערנען ליטוויש א. ד. ג. אָבער אַחוץ אַ פּאָר קליינע בראָשורן האָבן די ליטווינער נאָך ניט באַוויזן גאָרנישט אַרויסצוגעבן און עס איז ניט געווען מיט וואָס געשעפט צו מאַכן.

די פרייזן אויף רוסישע ביכער פאַר. דער צייט פון די פאַרשיידענע אָקופּאַציעס האָבן זיך שטאַרק געביטן. פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן זיי זיך פאַרקויפט לויטן נאָרמאַלן פרייז, זאָגאַר דעם רובל פאַר אַ מאַרק און אַנדערע אַפילו נאָך אונטער דעם נאָרמאַלן פרייז. שפּעטער נאָכן בריסקער שלום, ווען עס זיינען געקומען ידיעות, אַז אין רוסלאַנד פעלן ביכער און זיי פאַרקויפן זיך דאָרט זייער טייער—האָט מען אויך דאָ גענומען פאַרקויפן די ביכער אין 5—10 מאָל טייערער ווי דער נאָרמאַלער פרייז, הגם אַלע אַנדערע אַרטיקלען זיינען צו דער צייט שוין געשטיגן אין 100—200 מאָל ווי אין שלום⸗צייט. שפּעטער צו, ווען דער יקרות איז וואָס אַמאָל געוואָרן גרעסער, זיינען אויך ביכער טייערער געוואָרן אין 50—75 מאָל. איצטער, בשעת דאָס רוב אַרטיקלען ווערן פאַרקויפט צו 1000 פּוילישע מאַרק פאַרן רובל אין שלום⸗צייט, רעכענען זיך ביכער נאָר אין 100—150 מאָל טייערער. די פרייזן אויף יידישע ספרים, דערהויפּט אויף לערנביכער, חומשים, תּנכן, סידורים וכדומה זיינען די גאַנצע צייט געשטאַנען אַ סך טייערער (טאָפּלט און מער) ווי רוסישע. אין פרייז זיינען די גאַנצע צייט געשטאַנען אויך געוויסע רוסישע לערנביכער. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין די פּאָר שולן, וואו מען לערנט אין רוסיש, זיינען איינגעפירט נאָר געוויסע לערנביכער, וועלכע האָבן זיך לאַנג אויסגעשעפּט פון די זאַפּאַסן ביי די בוכהענדלער, נייע איז ניטאָ פון וואַנען אויסצושרייבן, און מען קויפט זיי כסדר אויף געניצטע פון יאָר צו יאָר און וואָס אַ יאָר צאָלן די קרעמער טייערער ווי זיי האָבן זיי פריער אַליין פאַרקויפט, בשעת ווען הונדערטער און טויזנטער לערנביכער פון זעלבן געגנשטאַנד, נאָר פון אַנדערע פאַרפאַסער, וועלכע זיינען געווען אָנגענומען אין די פריערדיקע ווילנער שולן,—ליגן אויף די פּאָליצעס פון די ווילנער בוכקרעמער אָן שום באַוועגונג.

עס איז כּדאַי אויך צו פאַרצייכענען, אַז די אַלע רוסישע לערנביכער, אין וועלכע עס פילט זיך איצט אַ מאַנגל, דרוקן זיך און פאַרקויפן זיך אין בערלין, אָבער צוליב דעם נידעריקן קורס פון דעם פּוילישן מאַרק לגבי דעם דייטשן איז ניטאָ די מעגלעכקייט זיי צו באַציען.

צוליב דער נידעריקער פּוילישער וואַליוטע האָבן די לעצטע צייט זיך גענומען ווייזן אין ווילנע זייער אָפט וואַרשעווער סוחרים, רייכע מענטשן, וועלכע קויפן אויס ביי אַלע בוכקרעמער און אין פּריוואַטע הייזער פאַרשיידענע רוסישע ביכער—קלאַסישע ווערק, פּראַכט⸗אויסגאַבן א. אַז. וו., צאָלן לפי⸗ערך גרויסע פרייזן און פאַרדינען דאָך זייער גראָב אויף דעם חשבון פון בוכהענדלער, ווייל זיי טראַנספּאָרטירן די געקויפטע ביכער קיין אַמעריקע, לאָנדאָן, פּאַריז, וואו עס זיינען נאָך פאַרהאַן גענוג בעלנים אויף רוסישע ביכער, דערהויפּט צווישן די רוסישע קאָלאָניעס אין אויסלאַנד.

הכל תּלוי במזל. אפילו דער גורל פון די פיל ביבליאָטעקן אין ווילנע איז אויך ניט געווען גלייך. דעם חורבן פון דאָס רוב ביבליאָטעקן האָב איך שוין באַשריבן. דאָך זיינען געווען צווישן זיי אייניקע גליקלעכע אויסנאַמען. אין דער ערשטער צייט פון די דייטשן אין ווילנע, איידער זיי האָבן נאָך איבערגענומען די גאַנצע ממשלה צו זיך אין די הענט, איז אַ קורצע צייט געווען בעל⸗הבית איבערן שטאָט דער פּוילישער מאַגיסטראַט, וועלכער האָט דאָס אויסגענוצט און צוגענומען פון די פאַרלאָזענע גימנאַזיעס און אַנדערע שולן די לערנמכשירים, שול⸗בענק א. ד. ג. און פון



אייניקע די ביבליאָטעקן. די לערנמכשירים און שול⸗מעבל האָבן די פּאָליאַקן פונאַנדערגעטיילט צווישן זייערע פּוילישע שולן און די רוסישע ביכער פון אַ פּאָר ביבליאָטעקן (Π גימנאַזיע און קאָמערצשול) ווי אומנוצלעכע פאַר זייערע שולן, האָבן זיי אַוועקגעלייגט אין די ליידיקע הייזער פון די געוועזענע אַרבעטסשטובן. ווען די דייטשן האָבן איבערגענומען די אַרבעטסשטובן און אויף די ביכער איז ניט געווען קיין באַזונדערע שמירה, האָט מען זיי גענומען ביסלעכווייז צעשלעפּן און פאַרקויפן אויף די מערק. איך האָב דאַן אויפמערקזאַם געמאַכט די פירער פון דער ביבליאָטעק „מפיצי השכלה", אַז די ביכער קען מען באַקומען פון דער דייטשער מאַכט לטובת דער ביבליאָטעק. און ווירקלעך, אַדאַנק דער השתדלות פון ד"ר שאַבאַד האָבן די דייטשן די ביכער פון די דערמאָנטע ביבליאָטעקן און אויך פון די פאַרלאָזענע גרויסע פּריוואַטע ביבליאָטעקן פון גרעמיאַטשינסקי און איזענפלאַם, וועלכע מען האָט שוין אויך טיילווייז באַוויזן צו פאַרקויפן אויפן מאַרק,—איבערגעגעבן אין פיל טויזנטער בענדער פאַר דער ביבליאָטעק פון „מפיצי השכלה" (איזענפלאַם, צוריקקומענדיק פון רוסלאַנד, האָט זיין ביבליאָטעק באַקומען צוריק).

ריידנדיק וועגן דער ביבליאָטעק פון „מפיצי השכלה", וויל איך נאָך פאַרצייכענען אויך דאָס פאָלגנדיקע: אין יאָר 1916 האָט זיך באַנייט און גענומען אינטענסיווער אַרבעטן ביי דעם קאָמיטעט פון דער חברה „מפיצי השכלה" די געזעלשאַפט פון דער יידישער היסטאָריש⸗עטנאָגראַפישער קאָמיסיע, וועלכע האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו זאַמלען דאָקומענטן און געגנשטאַנדן, וויכטיקע פאַר דער געשיכטע פון די יידן אין אונזער קאַנט, וועלכע גייען לאיבוד אין דער שווערער מלחמה⸗צייט. איך האָב באַמערקט, אַז מיטן חורבן פון די ביבליאָטעקן גייען אויך פאַרלוירן די אַלע זעלטענע ביכער, היסטאָרישע, אַרכעאָלאָגישע א. אַנד. וועלכע זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין די פריערדיקע יאָרן פון פאַרשיידענע געלערנטע אָדער געזעלשאַפטן און האָבן אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער געשיכטע פון אונזער קאַנט בכלל און פון יידן בפרט. די דאָזיקע ביכער זיינען שוין אין שלום⸗צייט געווען אַ יקר⸗המציאות און האָבן זיך געפונען ניט אין פּריוואַטן רשות, נאָר אין די אַלטע, פונדאַמענטאַלע מלוכישע ביבליאָטעקן.

כּדי אויפצוהיטן זיי פאַרן קומענדיקן היסטאָריקער, האָב איך פאָרגעלייגט דער ביבליאָטעק פון דער „מפיצי השכלה", אַז מען זאָל אין איר גרינדן אַ שראַנק ספּעציעל פאַר ביכער פון געשיכטע, עטנאָגראַפיע, סטאַטיסטיק פון אונזער קאַנט בכלל און יידן בפרט און האָב אויף דעם שראַנק מנדב געווען אייניקע הונדערט אַזעלכע ביכער (צווישן זיי פיל זעלטענע שוין), וועלכע איך האָב אַליין צונויפגעזאַמלט. דער שראַנק האָט זיך געעפנט און האָט זיך שפּעטער פאַרגרעסערט פון די ביכער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די אויבן דערמאָנטע איבערגענומענע ביבליאָטעקן, און געפינט זיך אויך איצט אין ביבליאָטעק פון „מפיצי השכלה". ליידער איז ער ווייניק פּאָפּולער און זעלטן ווער עס באַנוצט זיך מיט די ביכער פון אים, הגם אין דעם היסטאָרישן מאָמענט, וואָס מיר לעבן איצט איבער, שפּילט די אויספאָרשונג פון דער געשיכטע פון אונזער קאַנט אַזאַ גרויסע ראָלע.

איך קען נאָך אויך עטוואָס מיטטיילן וועגן דעם גורל פון דער באַדייטנדער ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך געפונען ביי דעם „פּעדאַגאָגישן מוזיי" (אויף ברייטע גאַס, ביים בילדונגס⸗קוראַטאָריום, פון „אָקרוג") און וועלכע איז באַשטאַנען דערהויפּט פון פּעדאַגאָגישע ביכער. דער גרעסטער טייל פון דער דאָזיקער ביבליאָטעק, און ווי עס שיינט די בעסטע ביכער, זיינען צעשלעפּט געוואָרן און עס איז ניט באַוואוסט וואו זיי זיינען אַהינגעקומען, נאָר אַ היבשער טייל פון איר אין אַ סכום פון אַ פּאָר טויזנט ביכער האָט זיך געפונען שוין אין יאָר 1920 אין רשות פון אַ היגער

פוילישער גימנאַזיע.—ניט געפינענדיק קיין אינטערעס אין רוסישע ביכער אַפילו אין פעדאַגאָגישע און וויסנשאַפטלעכע, האָבן די פירער פון דער גימנאַזיע באַשלאָסן זיי צו פאַרקויפן אויף מאַקלאַטור, און זיי האָבן שוין וועגן דעם זיך געווענדט צו הענדלער פון פאַק=פאַפיר, נאָר על=פּי צופאַל האָט זיי אָפּגעקויפט אַ בוכהענדלער, וועלכער האָט זיי שוין ניט געלאָזט אויף פאַפיר. דאָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט דער יידישער לערער=געזעלשאַפט אָפּצוקויפן פאַר זייער ביבליאָטעק אין „קולטורהויז", צו זייער ביליגע פרייזן אַ סך גוטע פעדאַגאָגישע ביכער און אויך פעדאַגאָגישע זשורנאַלן, קאָמפּלעקצירט פאַר פיל יאָרן לויטן פרייז, וואָס פאַפיר קאָסט אויף מאַקלאַטור.

.II

ווען די ביכער פון די פריוואַטע אָדער געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעקן, וועלכע זיינען נאָר ניט אַריינגעפאַלן אין די שפּייז=קרעמלעך און ניט אַוועק דאָרטן אויף פאַק אָדער זעקלעך צו סחורה—זיינען סוף=כל=סוף—צי פון די מערק צו ביליגע פרייזן, צי דורך די בוכקראָמען, וועלכע האָבן נאַכהער שוין גערן געקויפט און פאַרקויפט זיי—ווען ביכער, זאָג איך, זיינען דאָך ניט אַלע געגאַנגען לאיבוד און זיינען פאַרבליבן צי אין רשות פון פריוואַטע פערזאָנען צי פון געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעקן (דאָס רוב יידישע)—האָבן אַ גאַנץ אַנדער גורל געהאַט די פילע ווילנער אַרכיוון.—בלויז דער צענטראַלער אַרכיוו אין פראַנציסקאַנער בנין און אויף דוואָרצאָווע גאַס ביי דער עפנטלעכער ביבליאָטעק, פון וואַנען די וויכטיקסטע דאָקומענטן זיינען, גלויב איך, אַרויסגעפירט געוועזן פון די רוסן, און דער אַרכיוו פון מאַגיסטראַט זיינען ניצול געוואָרן פון דער מלחמה=מהומה. אַלע איבעריקע זיינען הן פון די דייטשן—אָפיציעל און ניט אָפיציעל, הן פון די נייע אַפּוטרפּסים, סטרעזשער וכדומה—אויספאַרקויפט געוואָרן אויף מאַקלאַטור צו גאָר ביליגע פרייזן און זיינען געגאַנגען לאיבוד און מיט דעם זיינען פאַרפאַלן געוואָרן פאַר דעם קומענדיקן היסטאָריקער טויזנטער דאָקומענטן, אינטערעסאַנטע און וויכטיקע פאַר דער געשיכטע פון אונזער קאַנט בכלל און פון יידן בפרט. זיי זיינען פאַרקויפט געוואָרן צו 3—4 רובל אַ פוד און זיינען אַוועק אויף זעקלעך צו מעל און גרויפּנס אָדער אויף וויקלען הערינג, זייף וכדומה. די דאָזיקע אבידה איז גאָר ניט אָפּצושאַצן און ניט אָפּצוקריגן פאַר קיין שום געלט.—בלויז אַ טייל איז צופעליק אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן און דאָס איז געשען אויף אַזאַ אופן:

שוין ווי אויבן דערמאָנט, האָט זיך אין יאָר 1916 באַנייט די יידישע היסטאָריש=עטנאָגראַפישע קאָמיסיע. איבערגעבנדיק אין דער קאָמיסיע די דאָקומענטן, וועלכע איך האָב ביי זיך צונויפגעזאַמלט (צום ביישפּיל די אַלע פאַראָרדענונגען פון די דייטשן א. אנד.) האָב איך געזוכט אויסצוזוכן אויך אַנדערע דאָקומענטן און האָב זיך פאַראינטערעסירט מיט די אַלטע פאַפירן, וואָס זיינען געגאַנגען דאַן אין מאַקלאַטור. איך האָב צופעליק באַמערקט אין אַ קליינער שפּייז=קראָם, אַז מען מאַכט זעקלעך פון אַלטע „אַקטן", „דיעלעס" וכדומה. די אַלטע פאַפירן האָבן געשטאַמט פון די אַקטן אויס דעם אַרכיוו פון דער „ליטווישער סעמינאַריע פאַר גייסטלעכע", וועלכער האָט זיך נאָכן צענטראַלן אַרכיוו אין שלום=צייט גערעכנט אַלס איינער פון די גרעסטע און באַדייטנדסטע אין ווילנע, געציילט ביז 60.000 אַקטן—צווישן זיי פיל וויכטיקע, און האָט פאַרנומען אַ בנין פון 2—3 גאָרן. דערגאַנגען, אַז די פאַפירן פאַרקויפן זיך איצט אַלס מאַקלאַטור אין אַ געשעפט פון פאַק=פאַפיר און מאַקלאַטור, האָב איך זיך געווענדט צו יענעם קרעמער, ער זאָל מיר ערלויבן אויסזוכן פון די אַלטע פאַפירן זיינע אַזעלכע „דיעלעס", וואו עס רעדט זיך וועגן יידן—פאַר דער היסטאָרישער קאָמיסיע און האָב אים צוגעזאָגט צו צאָלן פאַר

זיי טייערער פון זיין פאַרקויף=פרייז. עס איז אים אַפילו אויסגעקומען קאָמיש, וואָס אַ מענטש אַ פאַרנומענער אין אַ געשעפט וועט זיך שטעלן דורכוואַרפן 150 פוד אַלטן פאַפיר, דאָך אַלס באַקאַנטער האָט ער מיר דערין ניט אַנטזאָגט. אָבער די אויפגאַבע מיינע איז געוועזן זייער ניט קיין לייכטע. דאָס פאַפיר איז געוועזן אויפגעוואָרפן אין אַ קעלער, וואו עס איז געוועזן פינסטער און קאַלט (עס איז שוין געוועזן ווינטער). איך האָב דאָרט פאַרנומען זיך אייניקע טעג, האָב אָבער קיין סך ניט געקענט אויפטאָן. דאָך האָב איך באַמערקט, אַז דאָרט זיינען פאַרהאַן זייער אינטערעסאַנטע דאָקומענטן, וואָס מען טאָר ניט דערלאָזן, זיי זאָלן גיין לאיבוד. איך האָב געבעטן דעם קרעמער ער זאָל אַ קורצע צייט אָפּוואַרטן און ניט פאַרקויפן דאָס פאַפיר די ווייבער אויף זעקלעך און האָב זיך געווענדט צו איינעם אַ איבערגעבליבענעם רוס, ער זאָל איבערגעבן דעם געוועזענעם „פּראַוואָסלאַוונעם קאָמיטעט", בראש פון וועלכן עס איז דאַן געשטאַנען דער פאַרבליבענער אַלטער גלח ג אַ ל ע נ ק ע ווי ט ש, וועגן אָפּקויפן די פאַפירן. עס איז אַוועק אייניקע וואָכן, און איך האָב קיין תשובה ניט באַקומען, דער קרעמער האָט גענומען דאָס פאַפיר אויספאַרקויפן. דאַן בין איך אַליין אַוועק צו גאַלענקעוויטשן. איך האָב אים געפונען זייער נידערשלאָגן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ניט ער ניט דער קאָמיטעט האָבן מיטלען צו קויפן דאָס פאַפיר, ווייל זיי פעלט אויס אויך אויף די מיטאָגן (זופּ מיט „נישט"), וועלכע זיי טיילן אויס די מיטגלידער פון זייער קאָמיטעט. ער האָט מיך געבעטן, איך זאָל דאָס אָפּקויפן כאָטש אַ טייל און באַהאַלטן, און דערפאַר, האָט ער מיר מבטיח געווען, גלייך, ווי עס וועלן קומען די רוסן, וועט ער וועגן מיין האַנדלונג איבערגעבן דעם גובערנאַטאָר וו ע ר י אָ וו ק י נ ע ן, וועלכער וועט מיר געוויס דערפאַר אַרויסווייזן „דאַנקבאַרקייט" (אַזוי ווייט איז דאַן געוועזן זיין אמונה—אַז די רוסן קומען באַלד צוריק!). ליידער האָב איך זיין בקשה ניט געקאָנט ערפילן, ווייל איך האָב זאָגאַר קיין פלאַץ ניט געהאַט, וואו צו באַהאַלטן אַזוי פיל פאַפיר. איך האָב זיך געווענדט צו דער פוילישער געזעלשאַפט „פריינד פון וויסנשאַפטן", זי זאָל אָפּקויפן די פאַפירן, צווישן וועלכע עס זיינען פאַרהאַן אויך פאַר פאָליאַקן פיל אינטערעסאַנטע דאָקומענטן (למשל, אויס דער צייט פון דער לעצטער אוניע, פון יאָסיף סעמאַשקאָ, ווען על=פּי דחק אָדער מיטן גוטן ווילן האָבן זיך טויזנטער איבערגעשמדט פון קאַטויליש אויף פּראַוואָסלאַוויע און נאַכהער, ווען עס איז אין יאָר 1905 אַרויס דער מאַניפעסט וועגן דער פרייהייט פון אמונה, האָבן זיך זייער און זייער פיל פון זיי צוריק אומגעקערט צום קאַטוילּיציזם), אָבער אויך די דערמאָנטע געזעלשאַפט האָט דאַן ניט געהאַט די נייטיקע מיטלען דערצו (סך=הכל האָט מען געדאַרפט דערויף האָבן 600—800 רובל, אָבער די צייט איז דאַן געוועזן אַזוי געדריקט און די שטימונג שלעכט, אַז די סומע איז געוועזן אַ גרויסער קאַפּיטאַל און געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן זיינען בכלל געוועזן אָרים און פאַרלאָזן).—נאָר אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זיך געווענדט צו מיר גראַף אַ נ ט אָ נ י ט י ש ק ע וו י ט ש (דער זעלבער, וועלכן די באָלשעוויקעס האָבן אין יאָר 1920 אַוועקגעפירט אַלס ערבניק קיין מאָסקווע, וואו ער איז געשטאָרבן, וועלכער האָט בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע כמעט מיט אייגענע מיטלען אויסגעהאַלטן דעם „פּראַוואָסלאַוונעם קאָמיטעט"—און האָט פון צייט צו צייט מנדב געוועזן אויך אויף דעם יידישן צ"ק) און ער האָט מיר איבערגעגעבן, איך זאָל אָפּקויפן אויף זיין חשבון די פאַפירן פון אַרכיוו—וויפיל עס וועט זיך געפינען און איך זאָל עס צושטעלן אין מוזיי פון דעם „פריינד פון וויסנשאַפטן". איך האָב נאָך פאַרכאַפּט אין יענעם געשעפט איבער 100 פוד און נאָך אין אַ מאַקלאַטור=קרעמל אַ פוד 30. פון אַ דריטן אָרט, וועגן וועלכן איך האָב זיך דערוואוסט, זיינען שוין די פאַפירן

געווען פאַרקויפט אויף דער פּראָווינץ און אויסגענוצט אויף מאַקלאַטור.

די געקויפטע פּאַפּיר האָב איך אַראָפּגעפירט צו זיך און וואָכנלאַנג גאַנץ גענוי דורכגעקוקט זיי, אַרויסגענומען די אַלע אַקטן, וועלכע האָבן אַ שייכות צו יידן (דערהויפּט וועגן משומדים),— אָפּגעגעבן זיי פאַר דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע (אַזעלכע דאָקומענטן האָט זיך אויסגעזוכט אייניקע פּוד) און די רעשט איבערגעגעבן דעם מוזיי פון דעם „פריינד פון וויסנשאַפטן".

שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דעם הויפּט-סכום, אַ 300 פּוד פון די פּאַפּירן, האָט אָפּגעקויפט איינער אויף ספּעקולאַציע. איך האָב זיך געווענדט צו אים, ער זאָל מיר דאָס פּאַפּיר פאַרקויפן. ער האָט צוערשט איינגעשטימט — אויף דעם פּרייז פון 6 רובל אַ פּוד (בכלל האָט דאַן געהאַלטן אומגעפער 4 רובל), נאָר שפּעטער אָבער האָט ער חרטה געהאַט, און באַשלאָסן אויסצוהאַלטן עס ביז דער פּרייז וועט ווערן העכער. מיט גרויס מי האָב איך דאַן באַקומען פון אים ביז 10 פּוד. אין משך פון 3 יאָר כמעט האָב איך זיך אומזיסט משתדל געווען אָפּצוקויפן ביי אים די פּאַפּירן — שוין אויף אַלץ העכערע פּרייזן, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין שט״גן (8, 12, 20, 30, 50, 75, 100 ביז 200 מאַרק אַ פּוד)*). דאַן האָט ער גענומען אויספאַרקויפן דאָס פּאַפּיר — די זעקלמאַכערקעס אויף זעקלעך. אָפּצוקויפן די דאָקומענטן האָט מען שוין געדאַרפט האָבן אַ קאַפּיטאַל, וואָס די געזעלשאַפט „פריינד פון וויסנשאַפטן" האָט ניט פאַרמאָגט, און דער גראַף טישקעוויטש איז שוין אויך ניט, ווייזט אויס, געווען כריי אין געלט, ווייל דאָס איז שוין געווען נאָך דער ערשטער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע, פון וועלכער ער האָט מאַטעריעל געליטן. ענדלעך האָב איך (שוין אין יאָר 1920) מיט דעם אַרכיוו פון דער „גייסטלעכער קאָנסיסטאָריע" פאַראינטערעסירט די דירעקטאָרין פון „צענטראַלן אַרכיוו" פרוי סטודניצקי, מיט וועלכער איך האָב אָפּגעמאַכט אָפּצוקויפן פאַרן צענטראַלן אַרכיוו די פּאַפּירן בתנאי, אַז פאַר מיין רעקאָמענדאַציע זאָל איך באַקומען פון איר פאַר דעם יידישן מוזיי די אַלע דאָקומענטן, וואָס זיינען שייך צו יידן. נאָר אַזוי ווי אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום זיינען אַריין די באָלשעוויקעס, איז זי צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע פּוילישע אָנגעשטעלטע אָפּגעפאָרן פון ווילנע קיין וואַרשע, וואו זי איז פאַרבליבן ביז היינטיקן טאָג, און איך האָב נאָך ניט באַוויזן צו באַקומען פאַרן מוזיי אַלע יידישע דאָקומענטן פון דעם אָפּגעקויפטן אַרכיוו.

פאַר דער צייט פון דער אָקופּאַציע האָב איך זיך פיל מאָל אָנגעשטויסן אויף דעם, ווי עס פאַרקויפט זיך די פּאַפּירן פון פאַרשיידענע אַרכיוון, ווי פון „סודעבנאַיאַ פּאַלאַטאַ", „דוואָריאַנסקי אינסטיטוט", „קאַזיאָנאַיאַ פּאַלאַטאַ", „גובערנסקאָיע פּראַוולעניע" א. אַז. וו. א. אַז. וו. אויסצורעכענען אַלע וואָלט מען געדאַרפט אויסרעכענען די הונדערטער אַנשטאַלטן, וואָס האָבן פונקציאָנירט פאַר דער מלחמה אין ווילנע, דען יעדע אַנשטאַלט האָט געהאַט איר אַרכיוו, און אַלע אַרכיוון זיינען פאַרבליבן ניט עוואַקואירט; וואָרים אַרויסגעפירט האָט מען נאָר די לויפנדיקע אַקטן פון די לעצטע פּאָר יאָר, אי דאָס בלויז די וויכטיקסטע. איך האָב זיך יעדן מאָל געווענדט צו דער געזעלשאַפט פון „פריינד פון וויסנ-

*) איצט אין יולי 1921, איז שוין דערגאַנגען ביז 1000 מ. און העכער דער פּוד און עס ווערט אַלץ טייערער.

שאַפטן" (צו וועמען אַנדערש זיך צו ווענדן איז ניט געווען), זי זאָל אָפּקויפן דעם אָדער יענעם אַ־כיוו, כדי איך זאָל דערביי האָבן די מעגלעכקייט אויסצוזוכן אַקטן, וואָס זיינען שייך צו יידן, אָבער די געזעלשאַפט האָט זיך שטענדי״ק דערפון אַנטזאַגט, ניט האָבנדיק דערצו די נייטיקע מיטלען. בלויז איין מאָל האָט די געזעלשאַפט מיר באַפולמעכטיקט צו קויפן פאַר איר די פּאַפּירן, וואָס האָבן זיך פאַרקויפט אין מאַקלאַטור, פון דעם געוועזענעם „ווייסרוסישן לערן-אָקרוג" (אין די 50—60-קער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט), פון דער „שול-דירעקציע" צו וועלכער עס האָבן געהערט די דעמאָלטיקע יידישע קרוינישע שולן פון I און II מדרגה און אַנדערע. פון די דאָזיקע פּאַפּירן איז געווען אויך הונדערטער פּודן, אָבער, ווי געזאָגט, האָט די געזעלשאַפט ניט געהאַט קיין גרויסע מיטלען אין איך האָב געקויפט נאָר אַ פּאָר צענדליק פּוד, פון וועלכע איך האָב אויסגעזוכט, האָבנדיק זיי ביי זיך, די יידישע אַקטן פאַר אונזער מוזיי. אין יענער צייט זיינען אַריין די באָלשעוויקעס (דעם 1-טן מאָל, אין יאָר 1919) וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, אַז יעדער וואָס באַזיצט אַקטן, פּאַפּירן פון אַרכיוון וכדומה, איז מחויב זיי צושטעלן, האָב איך מער ניט געקויפט און די פּאַפּירן זיינען סוף-כל-סוף פאַרקויפט געוואָרען אויף זעקלעך.

נאָך אַ פּאָר אַרכיוון, דהיינו — דער אַרכיוו פון דעם געוועזענעם „אוטשעבני אָקרוג" און „דוואָריאַנסקאַיאַ אָפּעקאַ" זיינען איינגעהיט געוואָרן אַדאַנק דער מי פון ה׳ סטודניצקי, דעם געוועזענעם אַרכיוואַריוס פון מאַגיסטראַט, איצטיקן פאַרוואַלטער פון „צענטראַלן אַרכיוו".— ווען מ׳האָט גענומען שלעפּן די פּאַפּירן פון די אַרכיוון און ער האָט זיך דערוואוסט דערפון, האָט ער זיך געווענדט צום פּוילישן מאַגיסטראַט, וועלכער האָט זיך משתדל געווען פאַר דער דייטשער מאַכט, האָט מען די אַרכיוון, ווי אויך דעם צענטראַלן אַרכיוו פאַרמאַכט און פאַרחתמעט, אַז קיינער זאָל אַהינצו ניט אַריינקומען אָן אַ באַזונדערער ערלויבעניש פון דער מאַכט — און אויף אַזאַ אופן זיינען די פּאָר אַרכיוון פון די פיל צענדליקער אַנדערע ניט געגאַנגען לאיבוד.

צופעליק האָב איך אין אַ קליין קרעמל צווישן אַלט מאַקלאַטור-פּאַפּיר, אין וועלכן מ׳האָט דאָרטן געוויקלט די סחורה, זיך אויך אָנגעשטויסן אויף אַ טייל פון דעם פּריוואַטן אַרכיוו פון באַוואוסטן ציוניסטישן און געזעלשאַפטלעכן טוער יצחק-ליב גאָלדבערג.— פון אויבנאויף דורכגעקוקט די פּאַפּירן, האָב איך שוין באַמערקט, אַז צווישן זיי געפינען זיך פיל וויכטיקע דאָקומענטן פון דער ארץ-ישראל-באַוועגונג, פיל בריוו פון באַוואוסטע יידישע ליטעראַטן און געלערנטע. די דאָזיקע פּאַפּירן, וועלכע האָבן ניט קיין קליינעם ליטעראַרישן אָדער היסטאָרישן ווערט, האָב איך אָפּגעקויפט פאַר אונזער ווילנער היסטאָרישן מוזיי, אָבער דאָס איז, ווייזט אויס, בלויז אַ קליינער טייל פון גאָלדבערגס רייכן און ווערטפולן אַרכיוו. די באַמיאונגען מיינע אויסצוזוכן די איבעריקע פּאַפּירן זיינען געווען אומזיסט.

דאָך דאַרף איך קאָנסטאַטירן, אַז דער סכום יידישע דאָקומענטן, וואָס מיר האָט זיך איינגעגעבן אויסזוכן און איבערגעבן דעם מוזיי פון דער ווילנער ייִדישער היסטאָריש-עטנאָגראַפישער קאָמיסיע, שטעלן אויך פאָר אַ גרויסן אינטערעס און האָבן אַ ווערט פאַר דעם יידישן היסטאָריקער. און ס׳וואָלט געווען אַ וויכטיקע אויפגאַבע זיי ווי געהעריק אויסצופאָרשן און באַאַרבעטן.



שלמה שרעבערק.

# זכרונות פון אַ יידישן בוכהענדלער.

ביז דער מלחמה איז ווילנע געווען כּמעט דער גרעסטער צענטער פונם יידישן בוכהאַנדל, און איז געשטאַנען אין ענגע געשעפטלעכע פאַרבינדונגען מיט דער גאַנצער וועלט. אָבער ווי נאָר ס׳האָט אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה, אין יולי 1914, האָט זיך אין ווילנע אָפּגעשטעלט דער גאַנצער מסחר פון ספרים. די אַלע גרעסערע באַשטעלונגען פון אַמעריקע זיינען פאַרבליבן ניט אַרויסגעשיקט, אָדער אינמיטן וועג. דער פדיון פון אויסלאַנד האָט אויפגעהערט לגמרי. ביסלעכווייז איז ווילנע אָפּגעשניטן געוואָרן אויך פון רוסלאַנד, ווייל מיט דער באַן און דורך פּאָסט האָט מען שוין אַהין גאָרניט געקענט שיקן. דער קרעדיט האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט, און צוליב דעם מאָראַטאָריום זיינען אַלע וועקסלען ניט געצאָלט געוואָרן. ניט האָבנדיק קיין נייע פדיונות און ניט באַקומענדיק קיין געלט פאַר די אַלטע, האָט דאָס געבראַכט דערצו, אַז די ווילנער מדפּיסים האָבן אָפּגעשטעלט די אַרבעט און האָבן אָפּגעזאָגט אַלע אַרבעטער. אַזוי אַרום זיינען אין אַ שיינעם פרימאָרגן זעצער, דרוקער, איינבינדער, בראָשירער און די אַלע, וועלכע האָבן געצויגן זייער חיונה פון ספרים־געשעפט, פאַרבליבן אָן אַ שטיקל ברויט. די אַלע אומגליקלעכע האָבן צו קיין אַנדער אַרבעט ניט געטויגט, זיי האָבן זייער גאַנצן לעבן אָפּגעאַרבעט נאָר פאַר דרוקער, און דעריבער זיינען זיי איצטער פאַרבליבן אין דער גרעסטער נויט, און פיל פון זיי זיינען אויסגעשטאָרבן פון הונגער אין פשוטסטן זין פון וואָרט. איך קען אויפציילן ביז 50 פערזאָן פון זיי, וועלכע זיינען אויסגעשטאָרבן פון הונגער פאַר דער צייט פון דער מלחמה. ביי אַ בראָשירער פון ראָזענקראַנצס דרוק איז געשטאָרבן פריער אַ זון, דערנאָך ער, דער פאָטער אַליין, און שפּעטער אויך די פרוי. אויסגעגאַנגען פון הונגער זיינען אויך די בעלי־מגיה׳עס, וועלכע האָבן אָפּגעאַרבעט צענדליקער יאָרן אין ראָמס דרוק.

דער מצב פון די דרוקער אַליין איז אויך געווען גאַנץ טרויעריק. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז זיי האָבן באַשלאָסן צו פאַרקויפן דעם פונדאַמענט פון דער פאַרלעגעריי — די פּלאַטן, אין וועלכע עס באַשטייט זייער גאַנצער אייגנס און אויך די אַרבעט פון טויזנטער מענטשן פאַר הונדערטער יאָרן. פאַר בליי האָט מען דאַן גענומען 5 רובל אַ פוד (אָנשטאָט 2), און אין יאָר 1915 האָט מען שוין געצאָלט 10 רובל אַ פוד. אַזוי זיינען פאַרקויפט געוואָרן טויזנטער פודן פּלאַטן און שריפט פון הייליקע ספרים פאַר בליי אויף קוילן צום שיסן. ניט איין יידישער סאָלדאַט איז געשטאָרבן מיט „שמע ישראל” אויף די ליפּן פון אַ קויל, וועלכע איז אויסגעגאָסן געוואָרן פון אַ שטיק פּלאַטע טאַקע פונם זעלביקן „שמע ישראל”...

מיטן אַריינמאַרש פון די דייטשן קיין ווילנע איז דער ביכער־געשעפט אינגאַנצן געבליבן פאַראַליזירט. דער ספרים־האַנדל איז געווען אָנגעוויזן נאָר אויף ווילנע אַליין, וועלכע איז שטאַרק פאַראָרימט געוואָרן און וועלכע קויפט בכלל, אַפילו אין די נאָרמאַלע יאָרן, גאַנץ ווייניק ביכער. די ערשטע צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז געווען דער שרעקלעכסטער פּעריאָד אין דעם לעבן פון די ווילנער דרוקער און פאַרלעגער און פון די אַלע, וואָס האָבן געלעבט פון דער ספרים־בראַנזשע. אין ראָמס דרוקעריי, למשל, וועלכע האָט תּמיד געשפּילט די גרעסטע ראָלע אין דעם בוכהאַנדל, איז ניט געווען צו צאָלן קיין שכירות פאַר די עטלעכע געבליבענע אָנגעשטעלטע, און מ׳האָט געמוזט פאַרקויפן ביסלעך פּאַפּיר, וועלכע ס׳איז ביי זיי פאַרבליבן פון פריערדיקע צייטן. די גראָשנס האָט מען צעטיילט צווישן זיך נאָר ווי ס׳איז אויפצוהאַלטן די נשמות.

ווילנע איז דאַן געווען אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט, אָן אַ באַן און אָן אַ פּאָסט. די דייטשע מאַכט האָט ניט דערלאָזן אַרויסצופירן פון ווילנע קיין זאַך, און אויך ניט קיין ספרים. אַז מ׳האָט שוין ווי עס איז באַקומען אַן ערלויבעניש פון דער מאַכט אַרויסצושיקן ספרים, הצ״ט פריער יעדער עקזעמפּלאַר געמוזט אָפּגעשטעמפּלט ווערן פון ז״ע מיליטערישער צענזור, און אַפילו דאַן האָט מען עס מיט דער באַן ניט געקענט שיקן, נאָר מיט פורן, אָבער דער מושל פון יעדער שטאָט באַזונדער האָט געהאַט דאָס רעכט ניט צו ערלויבן אַריינצופירן קיין ביכער, ניט רעכענענדיק זיך מיט דער ערלויבעניש פון דער היגער מאַכט. כּדי צו שיקן פון דאַנען ספרים קיין פּוילן האָט מען געמוזט האָבן אַן עקסטרע ערלויבעניש פונם וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר פאַר יעדן בוך באַזונדער.

דעם 12־טן דעצעמבער 1915 האָב איך באַקומען די ערשטע פּאַרטיע קאַלענדאַרן פון וואַרשע דורך אַן עקספּעדיטאָר. אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך דורך דעמזעלביקן עקספּעדיטאָר געפאָדערט פון וואַרשע נאָך 500 קאַלענדאַרן מיט אַ ביסל לערנביכער. דער עקספּעדיטאָר האָט די ביכער גענומען דעם 15־טן מערץ און איז געפאָרן מיט אַ פור דורך לאָמזשע. דעם דאָרטיקן וואַכמיסטער איז ניט געפעלן געוואָרן די יידישע קאַלענדאַרן אָדער דעם עקספּעדיטאָרס נאָז און ער האָט אים אַרעסטירט צוזאַמען מיט דער סחורה. עס זיינען אַוועק פּאַפּירן קיין וואַרשע צום גענעראַל־גובערנאַטאָר מיט אַן אָנפראַגע, צי דאָס זיינען כּשרע ביכער און עס זיינען ריכטיקע פּאַפּירן. דער סוף איז געווען, אַז די קאַלענדאַרן מיט די ביכער האָט מען פרייגעלאָזן דעם 20־טן מערץ, און דער עקספּעדיטאָר איז געווען אַרעסטירט ביז יוני.

די באַנפאַרבינדונג מיט וואַרשע האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן נאָך אין פעברואַר 1916, אָבער ניט פאַר ציוויל־פּערזאָנען. אייגנטלעך איז דאָס געווען נאָר אָפיציעל, וואָרים ניט־אָפיציעל איז פאַר אַלערליי שמוכליאַרעס געווען די באַן פריי פון דעם ערשטן מאָמענט אָן. דעם 20־טן מערץ האָב איך באַקומען אַ מעלדונג פון באַן, אַז ס׳זיינען מיר אָנגעקומען צוויי פּעק ביכער. דאָס זיינען געווען לערנביכער און צוגעלייגט דערצו 50 עקזעמפּלאַרן פון שלום־עליכמס ראָמאַן „דער מבול”, וועלכער איז פאַר די רוסן געווען קאָנפיסקירט.

דעם 25־טן אַפּריל האָט מען מיר מודיע געווען פון באַן, אַז עס זיינען פאַר מיר אָנגעקומען דריי באַלן ביכער. אַז כ׳בין געקומען אָפּנעמען די ביכער, האָט פון מיר דער צאָל־באַאַמטער פאַרלאַנגט אָפּצאָל 20 מאַרק פון צענטנער, ווייל פון אַפּריל אָן איז אַיינגעפירט געוואָרן אַ גרעניץ צווישן פּוילן און אָבאָסט אין לאַפּי. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון צו צאָלן, מאָטיווירנדיק מיין אָפּזאָגן זיך מיט דעם, וואָס פאַר ביכער האָט נאָך קיין מאָל און אין קיין לאַנד קיין אָפּצאָל ניט עקסיסטירט. ווייל איך האָב זיך אָפּגעזאָגט אָפּצונעמען די פּעק, האָט דער צאָל־באַאַמטער אַרויסגענומען פון זיי צו איינציקע ביכער; נאָכדעם האָט ער די פּעק פאַרזיגלט און אַוועקגעשיקט אַן אָנפראַגע אין דער ציוויל־

פאַרוואַלטונג. אין עטלעכע טעג אַרום אַז כ׳בין אַריין אין פאַרוואַלטונג און געפרעגט וועגן די ביכער, האָט מיר אַ לייטענאַנט געזאָגט, אַז איצט מוז מען פאַר אַלץ צאָלן אַן אָפּצאָל, ווייל ס׳איז קריגס־צייט. אויף דעם האָב איך אים באַמערקט, אַז מיר פאַרלעגער און בוכהענדלער האָבן אַפילו אין צאַרישן רוסלאַנד געגאָסן אַלערליי פאַרלייכטערונגען, ווי ביליגע באַנטאַריפן א. אַ. וו און אַז איצט קומט דאָס קולטורעלע דייטשלאַנד און מאַכט שוועריקייטן און לייגט אַרויף אויף ביכער אַן אָפּצאָל, איז דאָס אַ גרויס וואונדער. ווי עס ווייזט אויס, האָט מיין באַמערקונג אויפן לייטענאַנט געמאַכט אַ רושם. זיין תשובה איז געווען, אַז אויב איך נעם אויף מיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט די באַשטעטיקונג, אַז אין רוסלאַנד איז אויף ביכער קיין אָפּצאָל ניט געווען, דאַן באַפרייט ער די ביכער פון צאָל. געוויינטלעך האָב איך דאָס באַשטעטיקט. נאָכדעם האָט ער די איינציקע ביכער אָפּגעשיקט אין דער „פרעסע־שטעלע” אָנצופרעגן צי דאָס זיינען גענעמיגטע ספרים, און האָט מיר געראַטן אָפּצונעמען פון באַן צו מיר אין געשעפט די דריי פעק פאַרזיגלטע, ווייל די באַן איז ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער גאַנצקייט. דאַן האָב איך די ביכער אַראָפּגעפירט צו זיך.

דעם 6־טן מאַי האָב איך באַקומען אַן איינלאַדונג פון דער קרימינאַל־פּאָליציי. דאָרט האָט מען מיר מודיע געווען, אַז די „פרעסע־שטעלע” האָט גענעמיגט די ביכער. אין צוויי שעה אַרום איז צו מיר געקומען אַ באַאַמטער פון דער הויפּט־פּאָליציי און האָט מיר גענומען חוקר ודורש זיין ווי אַזוי האָב איך געפאָדערט די ביכער פון וואַרשע, ניט נעמענדיק אויף דעם פריער קיין ערלויבעניש פון דער פאַרוואַלטונג, ווייל ס׳איז דאָ אַ פאַרבאָט מיט 30 טויזנט מאַרק שטראָף פאַר אַריינפירן ביכער אין אָבּאָסט. איך האָב אויף דעם תיכף געפונען אַ תירוץ און האָב געזאָגט, אַז איך בין אַ שותף אין וואַרשעווער „צענטראַל”, און פאַר יעדן סעמעסטער שיקט מען מיר פון דאָרטן צו אַ געוויסע צאָל ביכער ניט אָנפרעגנדיק זיך פריער ביי מיר, און אַזוי איז געווען אויך דעם מאָל.

איך האָב זיך גלייך געווענדט מיט אַ בקשה צום שעף פון דער פאַרוואַלטונג, אין וועלכער איך האָב דערציילט די גאַנצע מעשה מיט די ביכער מיט דער זעלביקער ערקלערונג, און געבעטן מ׳זאָל מיר אַרויסגעבן די ביכער און אויך ערלויבן מיר צו ברענגען נאָך לערנביכער פון וואַרשע; אויב ער קען דאָס מיר ניט ערלויבן, זאָל די פאַרוואַלטונג אַליין אויסשרייבן פאַר מיר די ביכער פון צענטראַל. פון פאַרוואַלטונג האָט מען מיך אָפּגעשיקט צום הויפּטמאַן שטיין, וואָס איז געווען דער אינספּעקטאָר איבער די מיטלשולן אין אָבּאָסט. אויסהערנדיק מיין בקשה האָט מיר שטיין פאַרוואונדערט געפרעגט, ווי אַזוי בעט איך אַן ערלויבעניש צו באַציען העבּרעאישע לערנביכער פון וואַרשע, בעת ס׳איז בכלל פאַרבאָטן צו לערנען העבּרעאיש אין די שולן. אויף מיין באַמערקונג, אַז ער אַליין האָט דאָך מיט 2 טעג צוריק ערלויבט צו לערנען יידישע געשיכטע אין העבּרעאיש, האָט ער מיר געענטפערט, אַז דאָס באַציט זיך נאָר אויף די רעליגיעזע שולן. אויף מיין דערקלערונג, אַז טאַקע פאַר די שולן האָב איך אויסגעשריבן העבּרעאישע געשיכטס־ביכער ווי דובנאָווס „קורות העברים” און ראַבּינאָוויטשעס „תולדות ישראל”, האָט ער מיר מבטיח געווען צו באַראַטן זיך וועגן דעם מיט דעם לייטענאַנט פון דער פרעסע־שטעלע.

דעם 8־טן מאַי האָב איך זיך געווענדט אין דער „פרעסע־שטעלע” מיט אַ בקשה, מ׳זאָל מיר ערלויבן צו שיקן ביכער קיין וואַרשע און אויך קיין דייטשלאַנד, פון וואַנען איך האָב אָנגעהויבן צו באַקומען באַשטעלונגען. אין אַ חודש אַרום האָב איך פון דער פרעסע־שטעלע באַקומען אַ תשובה, אַז בכלל איז דער אַרויספיר פון ביכער פון אָבּאָסט קיין דייטשלאַנד און וואַרשע ניט פאַרבאָטן, מ׳מוז נאָר האָבן אויף דעם אַן ערלויבעניש פון דער





געהעריקער מאַכט. אויף דעם סמך פונם דאָזיקן ענטפער האָב איך באַלד געבעטן ביי דער ווילנער „פרעסע־שטעלע” אַן ערלויבעניש אַרויסצושיקן ביכער אין געביט פון אָבּאָסט, און ביי דער וואַרשעווער „פרעסע־שטעלע” האָב איך געבעטן אַן ערלויבעניש צו שיקן ביכער אין דעם ראַיאָן, וואָס געהערט צום וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר.

---

דעם 12־טן יוני איז אין ווילנער דייטשן פרידנס־געריכט פאָרגעקומען מיין פּראָצעס וועגן די ביכער, וואָס איך האָב אַראָפּגעבראַכט פון וואַרשע אָן אַן ערלויבעניש. דעם ריכטער האָב איך אויך אָפּגעגעבן מיין פריערדיקע ערקלערונג אין דער קרימינאַל־פּאָליציי, אַז די ביכער האָב איך ניט געפאָדערט, נאָר מ׳האָט זיי מיר צוגעשיקט פון מיין פאַרלאַג, און אַזוי ווי די פאַראָרדענונג רעדט נאָר וועגן פ אָ ד ע ר ן ביכער, בכן בין איך ניט שולדיק. דער ריכטער האָט מיך באַפרייט פון שטראָף. מיטגעהאָלפן האָט מיר דערביי דער פאָלגנדער עפּיזאָד:

בעת מ׳האָט גענומען פונאַנדערקלייבן די ביכער, וועלכע זיינען צוגעשטעלט געוואָרן צום געריכט, האָט מען זיי געהאַט צונויפגעמישט מיט אַ גאַנצער ריי פּוילישע ביכער. איך האָב דערקלערט, אַז די פּוילישע זיינען ניט מיינע (די ביכער זיינען געווען זאַוואַדסקעס, וועלכער האָט באַקומען אַ פּאָר טויזנט מאַרק שטראָף), און האָב אָנגעוויזן, אַז מיינע זיינען נאָר די העבּרעאישע.

דאַן האָט מיר דער ריכטער אַ פרעג געטאָן:

— זיינען דאָס יידישע ביכער?

— ניין, העבּרעאישע.

— איז העבּרעאיש און יידיש ניט דאָסזעלבע?

— ניין, העבּרעאיש איז די ביבל־שפּראַך.

אויף דעם האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן מיט גרויס פאַרוואונדערונג:

— עקסיסטירט נאָך די ביבל־שפּראַך און איר פאַרשטייט די דאָזיקע שפּראַך?

— יאָ, זי עקסיסטירט, און זי האָט אַ גרויסע ליטעראַטור מיט פיל לעזער, פון וועלכע איך בין אויך איינער.

דאָס האָט אים אַזוי פאַרוואונדערט, אַז ער האָט גענומען דאָס „שפת־עמי” און געבעטן מיר, איך זאָל אים דערקלערן איניקע זאַכן און פאַרטייטשן אים די נעמען פון די בילדער אין ספר.

נאָך דעם פּראָצעס האָט מיר מיט דעמזעלביקן ריכטער פּאַסירט אַזאַ אינצידענט: זעענדיק, אַז דורכדעם, וואָס כ׳בין אַ „ביבל־מענטש”, בין איך ביי אים געוואָרן אַ גרויסער מיוחס, האָב איך אים געפרעגט, צי קאָן איך מיט אים עפּעס ריידן פּריוואַט. תיכף איז ער אַרויס צו מיר און האָט געזאָגט: „ביטע”. דאַן האָב איך אים געפרעגט, אָן וועלכן קאָדעקס זיי האַלטן זיך, אָן דעם רוסישן צי אָן דעם דייטשן. ניט קלערנדיק קיין סך, האָט ער מיר געענטפערט: „נאָך דעם רוסישן”. האָב איך זיך אָפּגערופן: „אויב אַזוי, פאַרשטיי איך ניט, פאַרוואָס מ׳האָט מיך אָנגעקלאָגט אין געריכט, ווייל לויט דעם רוסישן געזעץ ווערן פאַרבאָטענע ביכער, וואָס קומען אָן אויפן געזעצלעכן וועג אַפילו פון אויסלאַנד, נאָר צוריקגעשיקט, און דער מקבל איז פאַר זיי ניט פאַראַנטוואָרטלעך, בפרט אַז די ביכער, וועגן וועלכע עס רעדט זיך איצט, זיינען אָנגעקומען פון וואַרשע, וועלכע געפינט זיך אויך אונטער דער דייטשער פאַרוואַלטונג, און דערצו זיינען נאָך די ספרים כשרע און ערלויבט פון אָבּעראָסט”. מיין פראַגע האָט אים, ווי עס ווייזט אויס, אַריינגעבראַכט אין פאַרלעגנהייט. דערנאָך האָט ער אַ זאָג געטאָן: „יאָ, מיר האַלטן זיך אַפילו אָן דעם רוסישן קאָדעקס, אָבער מיר מוזן נעמען אין אַכט אויך די דייטשע פאַראָרדענונגען; דערצו דאַרפט איר געדענקען, אַז מיר זיינען

אין אַ דייטשער פראָווינץ". ניט=ווילנדיק האָט זיך ביי מיר אַרויסגעכאַפּט פון מויל: „פּאָרלויפיק!" ווי ער האָט דאָס דערהערט, האָט ער תּיכּף פאַרגעסן דעם גאַנצן רעספּעקט, וואָס ער האָט צו מיר געהאַט פאַר מיינע „ביבל=קענטענישן", איז געוואָרן רויט ווי צונטער, און איז אַריין אין אַזאַ כּעס, אַז זיינע הענט האָבן זיך ווי צונויפגעקוועטשט אין פויסטן. דערזעענדיק דאָס, בין איך געוואָרן זייער דערשראָקן; כ'האָב זיך אָבער ניט פאַרלאָרן און תּיכּף מוסיף געווען נאָך אַ וואָרט „אָקופּירטע". אים איז זייער געפעלן געוואָרן מיין פלינק אָריענטירן זיך, האָט מיר געגעבן די האַנט און געזאָגט: „אין אַייערע ווייטערדיקע געשפּרעכן זאָלט איר פאָרזיכטיקער זיין".

נאָכדעם ווי מיר איז שוין נאָך פאַרשיידענע השתּדלותן געוועזט געלונגען צו באַקומען אַן ערלויבעניש פון הינדענבורגן צו באַציען ביכער פון וואַרשע און אויף דעם סמך איז מיר אָנגעקומען דער ערשטער טראַנספּאָרט ספרים אויפן לעגאַלן אופן, האָט מען מיר אין איין פרימאָרגן מודיע געווען פון דער ווילנער „פרעסע=שטעלע", אַז די אַרויסגעגעבענע ערלויבעניש ווערט צוריקגעצויגן, יוויל לויט אַ נייער פאַראָרדענונג איז ערלויבט דער אַריינפיר פון ביכער בלויז פון דייטשלאַנד, און ניט פון אַנדערע געביטן. פונדעסטוועגן האָב איך באַלד נאָכדעם באַקומען די ערלויבעניש פון אָבּאָסט צו ברענגען אַ נייעם טראַנספּאָרט ביכער פון וואַרשע. טראָץ דער דייטשער פּינקטלעכקייט האָבן אָפּט אירע עקזעקוטיווען ניט געוואוסט איינער פון אַנדערן. געכאַפּט האָט מען זיך ערשט, בעת כ'האָב דערלאַנגט אַ נייע בקשה אין אָבּאָסט.

דאַן בין איך געצוואונגען געווען אַרויסצופאָדערן אַ טראַנספּאָרט ביכער פון וואַרשע אויף ניט אַ לעגאַלן אופן. דאָס איז מיר אָבער אָנגעקומען מיט אַזוי פיל שוועריקייטן און קאָסטן, אַז איך האָב זיך דערפון געמוזט אָפּזאָגן און האָב ווידער גענומען אַרבעטן לעגאַל.

איך האָב מיך געווענדט צום אָבּאָסט מיט אַ נייער בקשה, אין וועלכער איך האָב אָנגעוויזן, אַז צו באַציען ביכער נאָר פון דייטשלאַנד קען איך ניט, ווייל אַלע העברעאישע ביכער דרוקן זיך אין וואַרשע, און בכלל זיינען זיי מיין אייגענער פאַרלאַג; ווען מ'וועט מיר ניט ערלויבן צו ברענגען די ביכער, וועט מיר אויסקומען צו פאַרמאַכן מיין געשעפט, וועלכער איז שוין אַזוי אויך האַלב רואינירט, און אין שלום=צייט איז ער געווען דער גרעסטער פאַרלאַג אין דעם קאַנט. בכן איז אָדער מ'זאָל מיר ערלויבן צו באַציען מיינע אויסגאַבן, אָדער מ'זאָל פאַראָרדענען אָפיציעל צו פאַרמאַכן מיין געשעפט, כּדי איך זאָל ניט דאַרפן טראָגן דערפון די קאָנסעקווענצן.

די ווערטער האָבן געמאַכט אַ רושם. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז אַראָפּגעפאָרן קיין ווילנע דער הויפּטמאַן פון אָבּאָסט (אַ געוועזענער גרויסער פאַרלעגער פון לייפּציג), וועלכער האָט באַזוכט מיין געשעפט. לויט ווי ער האָט מיר דערציילט, איז אין אָבּאָסט דערוועקט געוואָרן אַ חשד, צי האָב איך בכלל אַזאַ גרויס געשעפט מיט אַ פאַרלאַג, ווי איך שרייב אין מיינע בקשות, און צי וויל איך עס ניט אויסנוצן צו אַנדערע צוועקן. איצט איז ער איבערצייגט, אַז ס'איז טאַקע ריכטיק, און אַלס קאָלעגע פילט ער מיר מיט און וועט זען צו טאָן פאַר מיר וואָס נאָר מעגלעך. ער האָט מיר פאָרגעלייגט, אַז איך זאָל דרוקן מיינע אַלע אויסגאַבן אין ווילנע און ער וועט מיר אַרויסגעבן אַן ערלויבעניש צו ברענגען פון וואַרשע אַלע מאַטריצן, און פּאַפּיר וועט מען מיר אויך פאַרקויפן פון דער „פרעסע=שטעלע" צו קאָסטנפּרייזן, און בכלל וועט מען מיר מאַכן אַלע פאַרלייכטערונגען, אַז איך זאָל ניט דאַרפן באַציען ביכער פון וואַרשע, וואָס דאָס איז אים אוממעגלעך מיר צו ערלויבן. קעגן יידיש האָבן זיי ניט, ווייל זיי זיינען זיכער, אַז פון יידישע שולן וועט מען שנעל אַריבערגיין צו די דייטשע, און



זיי וואָלטן זייער גערן געשטיצט אַזעלכע שולן. אָבער ווען מיר זאָלן ערלויבן אַראָפּצוברענגען יידישע ביכער, וועט מען דאַרפן ערלויבן אויך פּוילישע, און קעגן פּויליש האָבן זיי פיל און פיל אַיינצוווענדן. איך האָב מיר אָפּגעזאָגט צו דרוקן די ביכער אין ווילנע, ווייל פון יעדן בוך דאַרף מען צאָלן אַ געוויסן אָפּצאָל, און אויך וואָלט איך די גאַנצע אויפלאַגע ניט געקענט פאַרברויכן.

אינגיכן האָב איך באַקומען אַן ענטפער, אַז די ביכער וועלכע זיינען געדרוקט אין ווילנע, זיינען ערלויבט צו פאַרשפּרייטן אין אָבּאָסט. וועגן אַיינפירן די ביכער אין די שולן פון אָבּאָסט, דאַרף מען זיך ווענדן צו דער שול=מאַכט, וועלכע וועט עס אַנטשיידן. די ביכער, וועלכע זיינען געדרוקט אין וואַרשע, טאָרן פון דאָרט ניט אַראָפּגעבראַכט ווערן און ניט פאַרשפּרייט ווערן אין אָבּאָסט.

---

פאַר יום=טובים, בעת די דרוקער און בוכהענדלער האָבן דערלאַנגט אַ בקשה, מ'זאָל זיי ערלויבן צו פאַרקויפן סידורים מיט מחזורים, איז אָנגעקומען אַ פאַראָרדענונג פון אָבּאָסט, מ'זאָל פון אַלע ספרים אויסמעקן דעם „הנותן תשועה". אַן אויסנאַם איז געמאַכט געוואָרן נאָר פאַר ראָמס „אוצר התפלה", וועלכער איז לויט דער השתּדלות פון דעם פעלד=ראַבינער ד"ר לעווי און ה' פייגנזאָן אָנערקענט געוואָרן פאַר אַ וויסנשאַפטלעכן בוך. פאַרן יידישן צענזאָר האָט זיך דאַן אָנגעהויבן אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט. ער האָט געדאַרפט וואָכנלאַנג אָפּליגן אין די דרוקן און אין די בוכהאַנדלונגען צו מעקן די „הנותן תשועהס". צום גליק איז אָנגעקומען אַן ערקלערונג, אַז מעקן דאַרף מען נאָר יענע סידורים און מחזורים, וועלכע דאַרפן אַרויסגעשיקט ווערן. און גראָד האָבן דאַמאָלסט אָנגעהויבן אָנצוקומען באַשטעלונגען אויף רומל=ספרים פון פּוילן, דייטשלאַנד און עסטרייך. די איבעריקע ניט פאַרקויפטע סידורים און מחזורים זיינען לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער „פרעסע=שטעלע" פאַרזיגלט געוואָרן. דערצו האָט מען געמוזט אָנגעבן די צאָל פאַרפאַקטע עקזעמפּלאַרן, פון וועלכע דער „הנותן תשועה" איז נאָך ניט אויסגעמעקט געוואָרן.

---

טראָץ די פאַראָרדענונגען האָב איך ניט אויפגעהערט צו ווענדן זיך מיט נייע בקשות אין אָבּאָסט. דערביי האָב איך זיך סומך געווען אויף די הבטחות, וואָס עס האָט געגעבן דער הויפּטמאַן פון אָבּאָסט, וואָס האָט באַזוכט מיין געשעפט. נאָך אַ לאַנגן וואַרטן האָב איך באַקומען אַ ענטפער פון אָבּאָסט, אַז מען ערלויבט מיר צו פאַרשפּרייטן אין אָבּאָסט די ביכער פון מיין פאַרלאַג, וועלכע געפינען זיך ביי מיר אויפן לאַגער, אויך די, וואָס זיינען געדרוקט אין וואַרשע. עס ווערט מיר אָבער ניט ערלויבט צו באַציען פון וואַרשע נייע ביכער.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז געווען אין ווילנע דער באַוואוסטער מאַלער הערמאַן שטרוק, וועלכער האָט געדינט אין אָבּאָסט ביי דער „פרעסע=שטעלע". איך האָב זיך געווענדט צו אים און דערציילט אים מיט כּל הפּרטים וועגן אַלע מיינע ביזאַהעריקע השתּדלותן און האָב אים געבעטן, אפשר קען ער מיר העלפן, מ'זאָל מיר ערלויבן צו באַציען ביכער פון וואַרשע. ער האָט מיר מבטיח געווען צו טאָן פאַר מיר וואָס מעגלעך און געהייסן זיך ווענדן צו אים שריפטלעך אָפיציעל. איך האָב באַלד אַוועקגעשריבן אויפן נאָמען פון ה' שטרוק אין אָבּאָסט אַ בריוו, אין וועלכן כ'האָב אים איבערגעגעבן אַלץ פון בראשית, און דערביי אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז די אַלע ניי געגרינדעטע יידישע שולן מוזן דאָך האָבן לערנביכער, אָן וועלכע זיי קאָנען ניט עקסיסטירן, און דאָ האַנדלט זיך וועגן אומשולדיקע לערנביכער, און ניט וועגן פּאָליטישע און אַפילו ליטעראַרישע. געענדיקט האָב איך מיין בריוו מיט דער בקשה, אַז ער זאָל זען ווירקן אין די געהעריקע

אָרגאַנע, מ׳זאָל מיר ערלויבן צו באַציען די לערנביכער לויט אַ פאָרגעלייגטער רשימה.

נאָכדעם ווי איך האָב דערזען, אַז אַלע מיינע השתדלותן בלייבן אָן ערפאָלג, האָב איך מיר באַרעכנט, אַז היות ווי צו ברענגען ביכער פון דייטשלאַנד איז דאָך ערלויבט, און קיין דייטשלאַנד שיקן ביכער פון וואַרשע איז דאָך אויך מעגלעך, איז אפשר גאָר אַ סברה צו באַציען אונזערע ביכער דורך דייטשלאַנד. איך האָב תיכף דערלאַנגט אַ בקשה אין „אָבאָסט", אַז מ׳זאָל מיר ערלויבן צו באַציען מיינע ביכער פון דייטשלאַנד דורך דעם „יידישן פאַרלאַג". דערביי האָב איך ווידער אָנגעוויזן, אַז איך האָב געליטן פון פאַרבאָט מער פון אַנדערע פאַרלעגער, ווייל איך האָב אַלע מיינע פאַרלאַגן אין וואַרשע. גלייכצייטיק האָב איך זיך באַזאָרגט מיט אַ רעקאָמענדאַציע, אַז מ׳זאָל אין „אָבאָסט" אונטערשטיצן מיין בקשה. אין קורצן האָב איך דערהאַלטן אַ תשובה, אַז די ערלויבעניש אַריינצופירן ביכער פון וואַרשע (איך האָב אין מיין בקשה געשריבן: פון דייטשלאַנד!) קען ניט געגעבן ווערן, ווייל די פאַראָרדענונג וועגן דעם פאַרבאָט איז נאָך אין קראַפט. וואָס איז שייך די פאָלקס-שולן איז דעם שטאָט-הויפטמאַן ניט באַקאַנט, אַז זיי זאָלן דאַרפן דווקא די לערנביכער, וואָס זיינען אויסגערעכנט אין דער רשימה.

אין חודש דעצעמבער 1916 האָב איך זיך געווענדט מיט אַ בקשה דורך דער רעדאַקציע „לעצטע נייס", מ׳זאָל מיר ערלויבן ברענגען פון וואַרשע די מאַטריצן פון דעם קאַלענדאַר „החיים" צו דרוקן דאָ אין ווילנע אַלס ביילאַגע צו די „לעצטע נייס". די דאָזיקע ערלויבעניש האָב איך תיכף באַקומען. איך האָב באַלד טעלעגראַפיש אַרויסגעפאָדערט די מאַטריצן פון וואַרשע און האָב דאָ אָפּגעדרוקט דעם קאַלענדאַר (לפנים האָט עס געהייסן אַ ביילאַגע צו דער צייטונג). דערווייַלע האָב איך צוגעשטעלט אין צענזור אייניקע זאַכן צום דרוקן, און מ׳האָט מיר אַלץ ערלויבט. דערפאַר האָט מען מיר ניט ערלויבט צו ברענגען פון וואַרשע די וואַנט-ברעטלעך צו די קאַלענדאַרן, ווייל דאָס האָט געהייסן אַ דרוק-זאַך.

---

אין מיטן זומער 1916 איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז מ׳זאָל צונעמען ביי די דרוקער די פלאַטן. אַנדערע האָבן אָפּגעגעבן אַלע פלאַטן, וואָס זיי האָבן געהאַט, ניט פּרובנדיק פּראָטעסטירן. אַנדערע דרוקער-פאַרלעגער האָבן קעגן דעם שטאַרק פּראָטעסטירט, האָבן געשריבן אין „אָבאָסט" בקשות אויף בקשות און האָבן אויפגעוויזן, אַז מ׳קען קיין פלאַטן פון ספרים ניט פאַרגלייכן מיט געוויינלעכן בליי. ה׳ פייגנזאָן, דער דאַמאָלסטדיקער פאַרוואַלטער פון ראָמס דרוקעריי, האָט געשריבן אין „אָבאָסט", צווישן אַנדערן, אַז זייער דרוק עקסיסטירט שוין 130 יאָר, און פאַרמאָגט אַ גרויסע אַלטע קלאַסישע ליטעראַטור, וועלכע איז געזאַמלט געוואָרן פון מאַנוסקריפּטן, וואָס דאָס רוב פון זיי איז עלטער פון 1000 יאָר און די דאָזיקע ליטעראַטור באַשטייט אינגאַנצן פון סטערעאָטיפּ, פון וועלכן די מאַטריצן זיינען שוין האַלב פאַרדאָרבן, און ווען מ׳זאָל די פלאַטן צעשמעלצן, וועט דאָס זיין אַ גרויסער שאָדן, און עס וועט פאַרבלייבן אויף דייטשלאַנד אַ שוואַרצער שאַנדפלעק, פאַר וועלכן די געשיכטע וועט איר קיין מאָל ניט מוחל זיין.

ווי עס ווייזט אויס, האָבן די טעמים געהאָלפן, און ס׳איז אָנגעקומען אַ פאַראָרדענונג פון „אָבאָסט", אַז וואָס איז שייך דער דרוקעריי פון ראָם, זאָל מען די זאַך מילדערן. און אפשר האָט „אָבאָסט" די פאַראָרדענונג אינגאַנצן אָפּגעשאַפט, ווייל דער באַאַמטער, וואָס האָט געהאַט צו זאָגן איבער דער רעקוויזיציע פון בליי, האָט זיך נאָך געפּרובט פאָדערן ביי ראָמען, מ׳זאָל אים געבן 500 פוד, און האָט אָפּגעלאָזן אויף 400 און 300, און צום סוף, אַז מ׳האָט איבערגעחזרט דיזעלבע טעמים, האָט ער געזאָגט, אַז עפּעס מוז ער נעמען, כאָטש 30 פוד. מ׳האָט אים שוין דאָס געזאָלט געבן זאָגנדיק דערביי: „זאָלסט וויסן, אַז מיר גיבן דאָס דיר ניט, נאָר דו נעמסט, וואָרים מיר מוזן צוליב דעם צעשמעלצן אַ ספר". האָט ער לסוף אינגאַנצן מוותר געווען דערויף.

ווייניקער גליקלעך זיינען געווען די איבעריקע פאַרלעגער, וועלכע האָבן אויס נאַכלעסיקייט אַוועקגעגעבן זייערע פלאַטן אָן שום טענות ומענות.

---

אין דער צייט האָבן די ווילנער דרוקער אָנגעהויבן צו באַקומען באַשטעלונגען פון גאַליציע. די סחורה האָט מען געשיקט איבער דייטשלאַנד דורך אַן עקספּעדיציע-קאַנטאָר, און פון דאָרטן האָט מען דאָס איבערגעטראַנספּאָרטירט קיין גאַליציע. גאַנץ גאַליציע איז געווען רואינירט, די ישיבות און בתי-מדרשים זיינען חרוב געוואָרן, און דאָך האָט מען פון דאָרטן אָנגעהויבן צו פאָדערן קינדער-גמרות, ש״סן, לומדישע ספרים א. א. אינטערעסאַנט איז דער פאַקט, אַז אין דער הינזיכט איז פּשעמישל געווען אַן אויסנאַם. ניט קוקנדיק אויף אַלע אירע איבערלעבענישן זיינען דאָרטן דאָך געבליבן גאַנץ די ספרים.

דאָך ווי ס׳איז נאָר מעגלעך געוואָרן אַ באַן-פאַרבינדונג מיט ווילנע, האָט פּשעמישל באַלד אויסגעשריבן אַ גאַנצן צעטל ספרים.

אין אַפּריל 1917 האָט מען געזאָגט, אַז די שטימונג צו די יידישע שולן איז אין „אָבאָסט" אַ ביסל גינסטיקער געוואָרן. אויף דעם סמך האָב איך געכאַפּט און דערלאַנגט אַ נייע בקשה אין „אָבאָסט" מ׳זאָל מיר ערלויבן צו באַציען פון וואַרשע די נייטיקע לערנביכער. אָבער מ׳האָט מיר אויך דאָס מאָל אַנטזאַגט. צום סוף האָב איך שוין פאַרלאָרן יעדע האָפענונג צו באַקומען פון וואַרשע ביכער אויפן לעגאַלן וועג.

דער פדיון פון ביכער איז אַפילו געווען זייער שוואַך, דאָך האָב איך געוואָלט ברענגען פון וואַרשע די ניי אַרויסגעגאַנגענע ערשטע לערנביכער, ווי געאָגראַפיע, אַריטמעטיק, יידישע געשיכטע א. אַנד. און אויך פאַרשיידענע לייענביכער. איך האָב פּרובירט ברענגען אַ טראַנספּאָרט ביכער ניט לעגאַל, נאָר דאָס האָט געקאָסט פיל געלט און איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן און מיט פיל ריזיקע. אויף אַנדערע סחורה האָט זיך דאָס געלוינט, אָבער אויף ביכער בשום אופן ניט. האָב איך זיך דערפון געמוזט אַנטזאַגן און האָב געלאָזט די זאַך זאָל גיין ווי עס גייט.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך זיך געווענדט מיט אַ בקשה, מ׳זאָל מיר ערלויבן ברענגען פון וואַרשע די מאַטריצן פון קאַלענדאַר „החיים" פאַרן יאָר 1918 צו דרוקן אים אין ווילנע. אויף דעם האָב איך באַקומען אַ תשובה, אַז נאָך אַ באַראַטונג אין „אָבאָסט" איז באַשלאָסן געוואָרן צו ערלויבן מיר אַראָפּצוברענגען די מאַטריצן פון קאַלענדאַר „החיים", נאָר מיט דעם תנאי, אַז די יוליאַנישע דאַטע זאָל אויסגעשטריכן ווערן פון די פלאַטן.

צו יענער צייט האָט מיר דער היגער ווילנער צענזאָר געבעטן, אַז אַזוי ווי אין „אָבאָסט" זיצן די יידישע באַאַמטע—צענזאָרן אָן אַרבעט, און אויב מ׳וועט זיך אַרומזען, אַז זיי האָבן ניט וואָס צו טאָן, וועט מען זיי אָפּשיקן אויפן פראָנט, זאָל איך דעריבער זען צושטעלן אַהין אַ געוויסע צאָל ביכער צום צענזורירן, ווייל ס׳איז געווען אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע ביכער, וואָס איך וויל פאַרשפּרייטן אין „אָבאָסט" דאַרף איך פריער צושטעלן אין צענזור. האָב איך זיי צוגעשטעלט 100 ביכער פאַר אַמאָל, און אַזוי אַרום האָבן די יידישע צענזאָרן באַקומען אַרבעט.

אין סעפּטעמבער 1917 האָב איך ווידער אָנגעהויבן צו זוכן מיטלען, ווי אַזוי אַראָפּברענגען ביכער פון וואַרשע אויפן

כשרן וועג. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז בשעת איך האָב געבעטן אַן ערלויבעניש צו באַציען מיינע אויסגאַבן פון דייטשלאַנד, האָט מען מיר דאַן אויף דעם געענטפערט, אַז פון וואַרשע איז ניט ערלויבט; דאָס וואָרט ד י י ט ש ל אַ נ ד האָט מען ניט דערמאָנט. דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט אַ כוונה, ד. ה. מ׳האָט מיט דעם געוואָלט זאָגן, אַז קיין ערלויבעניש אויף דייטשלאַנד גיבן זיי ניט, אָבער קיין פאַרבאָט אויף דעם איז ניטאָ. איך האָב געפּרובט שרייבן קיין וואַרשע, מ׳זאָל מיר אַריינשיקן אַ טראַנספּאָרט ביכער דורך אַ געוויסער קאַנטאָר אין לייפּציג אויף איבערצושיקן קיין ווילנע. פון וואַרשע האָט מען מיר די ביכער אַרויסגעשיקט, און אין דריי חדשים אַרום האָב איך די ביכער באַקומען פון דייטשלאַנד אויפן כשרן וועג. געוויינלעך האָב איך שוין מיט די קאַלענדאַרן, און אויך מיט די איבעריקע ביכער ביי אַזאַ לאַגע קיין גרויסע געשעפטן בכלל ניט געקענט מאַכן.

איך האָב ווידער גענומען וועקן און זוכן מיטלען, ווי צו באַקומען ביכער דירעקט פון וואַרשע. איך האָב שוין געהאַט הבטחות פון אַלע יידישע צענזאָרן אין „אָבאָסט", אַז זיי וועלן מיר באַהילפיק זיין אין דעם. איינער פון זיי האָט מיר אַן עצה געגעבן, זיך צו ווענדן מיט מיין בקשה אין דער פּאָליטישער אָפּטיילונג פון „אָבאָסט" און דערציילן די גאַנצע געשיכטע פון אָנהייב ביזן סוף. נאָר איין תּנאי האָט מען מיט מיר אויסגערעדט, אַז אין פאַל ווען מען וועט מיר פרעגן ווי אַזוי איך האָב געוואוסט זיך צו ווענדן אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג, זאָל איך בשום אופן ניט אַרויסגעבן די פּערזאָנען, ווייל די אָפּטיילונג איז אַ געהיימע. איך האָב זיך געווענדט מיט אַ בקשה אין דער דערמאָנטער אָפּטיילונג, און האָב אויפגעוויזן, אַז ס׳איז אַן אַבסורד, וואָס די ביכער, וועלכע מען ערלויבט מיר צו ברענגען איבער לייפּציג, איז מיר פאַרבאָטן צו באַציען דירעקט פון וואַרשע. אין אַ חודש אַרום האָט מען מיר אָנגעזאָגט דורכן טעלעפאָן, אַז די זאַך גייט גוט, און ווי עס ווייזט אויס וועל איך באַקומען די געוואונטשענע ערלויבעניש. ס׳זיינען אָבער אַריבער דריי חדשים, און איך האָב קיין ענטפער ניט באַקומען.

איך האָב ווידער געשיקט קיין „אָבאָסט" בקשות אויף בקשות מיט טענות, אַז מען רואינירט מיר מיין געשעפט און מען ברענגט מיר אַריין אין אַ פאַרצווייפלטער לאַגע, און ערשט דעם 30=טן מערץ 1918 האָב איך באַקומען די לאַנג געגאַרטע ערלויבעניש אויף אַראָפּצוברענגען פון וואַרשע העברעאישע און יידישע ביכער, אָבער אויסשליסלעך נאָר פון מיין פאַרלאַג „צענטראַל" און נאָר פאַר מיין געשעפט אין ווילנע און דווקא יענע ביכער, וועלכע זיינען ערלויבט צו פאַרשפּרייטן אין געביט פון „אָבאָסט". אַראָפּצוברענגען פון וואַרשע ביכער ניט פון מיין פאַרלאַג, ניט פון „צענטראַל", איז שטרענג פאַרבאָטן. ס׳איז מיר נאָך באַזונדערס אָנגעוויזן געוואָרן, אַז ביי יעדער באַשטעלונג מוז איך האָבן אַ שריפטלעכע ערלויבעניש מיט אַ רשימה פון די ביכער, וועלכע איך פאָדער. די ביכער פון ווילנער וואָקזאַל האָב איך געקענט אָפּנעמען נאָר דורך דער „פּרעסע=שטעלע", און דער יידישער צענזאָר פלעגט קומען צו מיר אין געשעפט נאָכזען, אויב איך האָב חו״ש ניט אַראָפּגעבראַכט אַזעלכע ביכער, וועלכע זיינען ניטאָ אין צעטל.

אָט אַזוי האָב איך אָנגעהויבן צו באַקומען ביכער דירעקט פון וואַרשע לויט דער אויבנדערמאָנטער פאַראָרדענונג. פון דער ווילנער „פּרעסע=שטעלע", ווי אויך פון „אָבאָסט" האָב איך שוין מער קיין שוועריקייטן ניט געהאַט. אַקעגן=זשע האָט מיר די וואַרשעווער „פּרעסע=שטעלע" אָנגעהויבן צו מאַכן שוועריקייטן און געפאָדערט פון מיר, אַז איך זאָל נאָך צושטעלן אַן ערלויבעניש פון דער ווילנער „ציוויל=פאַרוואַלטונג". אַז איך בין אַהין געקומען בעטן די ערלויבעניש, האָט מען מיר ניט געוואָלט אַרויסגעבן, מאָטיווירנדיק עס דערמיט, אַז ווי באַלד איך האָב אַ הכשר פון „אָבאָסט", וואָס איז די העכסטע אינסטאַנץ, און איר איז אויך סובאָרדינירט די ווילנער ציוויל=פאַרוואַלטונג, איז דאָך אַן אַבסורד, אַז זי זאָל דאַרפן באַשטעטיקן די ערלויבעניש פון „אָבאָסט". דאָך האָט מען מיר די ערלויבעניש געגעבן, און פון דאַן אָן האָב איך שוין דערהאַלטן ביכער פון וואַרשע רעגלמעסיק און אין אָרדענונג.

נאָכן בריסקער שלום, ווען עס איז געוואָרן אַ פאַרבינדונג מיט די פון דאָס ניי אָקופּירטע שטעט אין יידישן תחום, האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען דורך סאָלדאַטן פריער פאַר אַלץ אָנפראַגעס צי מ׳לעבט ביי אונז, צי עס עקסיסטירן נאָך אין ווילנע די דרוקן מיט די בוכהאַנדלונגען, און צי עס איז בכלל מעגלעך צו באַקומען אַ וועלכן ס׳איז ספר, ווייל לויט די ידיעות, וואָס מ׳האָט געהאַט אין רוסלאַנד, זיינען דאָ חרוב געוואָרן אַלע דרוקן און אַלע בוכהאַנדלונגען און ס׳איז געוואָרן אַ תּל=עולם פון אַלץ. די דאָזיקע פאַלשע ידיעות האָבן געבראַכט דערצו, אַז ראָמס וועלט=דרוקעריי, אין וועלכער עס ליגט אַ 130=יאָריקע אַרבעט פון הונדערטער מענטשן, און וואָס האָט אַ ווערט פון די גרויסע מיליאָנען, איז אין 1917=טן יאָר פאַרקויפט געוואָרן אין פּעטערבורג פון דעם באַראָן גינצבורגס יורשים, צו וועלכע די פירמע האָט דאַן געהערט, פאַר 100 טויזנט רובל, רעכענענדיק, אַז אין ווילנע איז סיי=ווי=סיי אַלץ חרוב געוואָרן. און אין דערזעלביקער צייט האָט זיך געפונען אין ראָמס דרוק אַ סך מער געלט אין מזומן פון דעם וואָס מ׳האָט זיי באַצאָלט, ניט רעכענענדיק די אומגעהייערע אוצרות פון פאַרטיקער סחורה, מאַשינעס, פּלאַטן, מאַטריצן און אַ גרויס הויז...

פון דעם פאַקט קען מען לייכט פאַרשטיין, ווי מ׳איז אין רוסלאַנד געווען אינפאָרמירט וועגן דעם מצב פון די ווילנער פאַרלאַגן. און מ׳איז דאָרטן געווען אַזוי אויסגעהונגערט אין אַ ספר, אַז אַ סידור איז געוואָרן אַ יקר=המציאות, און בפרט אַ ווילנער. און באַקומענדיק אונזער ענטפער, אַז מ׳קען דאָ באַקומען מכל טוב, האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען באַשטעלונגען, די ערשטע צייט דורך מיליטער=לייט ווי אויך דורך פּריווילעגירטע שמוכלערס, וועלכע האָבן די ערשטע באַקומען די ערלויבעניש צו פאָרן קיין מינסק, באָברויסק, האָמעל, מאָהילעוו, קיעוו, דווינסק, ריגע, א. א. וו. די באַן=פאַרבינדונג פאַר פּריוואַטע פּערזאָנען איז אַ לענגערע צייט אָפיציעל געווען פאַרבאָטן. שפּעטער=צו אָבער, אין אַווגוסט, האָבן שוין אָנגעהויבן קומען די מוכרי=ספרים אַליין פון מינסק, האָמעל, באָברויסק, א. אַנד.

אין אַווגוסט 1918 האָב איך באַקומען פון „אָבאָסט" די ערלויבעניש צו פאָרן געשעפטלעך קיין וואַרשע. דאָס איז געווען נאָך אַ השתדלות פון $2\frac{1}{4}$ יאָר. פינף מאָל האָט מען מיר אָנטזאַגט. אין אַלע מיינע בקשות האָב איך באַטאָנט, אַז איך מוז פאָרן נאָך וואַרשע צוליב ליטעראַטור=ענינים. איך האָב געמיינט, אַז דאָס וועט מיר העלפן, ערשט דאָס איז גאָר געווען אַ חסרון.

אַז איך בין געקומען קיין וואַרשע נאָך אַ הפסקה פון $3\frac{3}{4}$ יאָר, און האָב זיך דאָרטן אַ ביסל באַקאָנט מיטן ביכער=מאַרק, מיט די ספרים, וואָס זיינען אַרויס פאַר דער צייט, האָב איך געפּרובט מאַכן פּלענער וועגן אָנהייבן צו אַרבעטן אויף דעם געביט און בין אַוועקגעפאָרן אַהיים מיט גרויסע האָפענונגען. נאָר די אַלע פּלענער האָבן געדויערט אַ קורצע צייט, און די אַרבעט איז אינמיטן איבערגעריסן געוואָרן. ס׳האָט אויסגעבראָכן די ד י י ט ש ע ר ע וו אָ ל ו צ י ע.

דאַן זיינען מיר ווידער אָפּגעשניטן געוואָרן פון וואַרשע, און ווילנע איז געבליבן דער איינציקער פּלאַץ, וואו מ׳האָט געקאָנט באַקומען אַ יידישן ספר. אין דער קורצער צייט, וואָס די דייטשן זיינען נאָך דער רעוואָלוציע פאַרבליבן אין אוקראַינע, זיינען עטלעכע בוכהענדלער פון דאָרטן געקומען און געקויפט ביסלעך סחורה. אָבער דעם לעצטן טראַנספּאָרט ביכער, וועלכן זיי האָבן איינגע=

קויפט אין ווילנע אין נאָוועמבער 1918, האָבן זיי שוין ניט געקאָנט אַוועקפירן, און די ספרים זיינען פאַרבליבן אין ווילנע ביז הײנטיקן טאָג.

ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די דייטשע עוואַקואַציע פון ווילנע, האָט דער בוכהאַנדל ווידער איבערגעלעבט אַ קריזיס. ס׳איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דער גאַנצער מסחר, ס׳איז ניט געווען פון וועמען צו לייזן און וואוהין צו שיקן ספרים. איך האָב נאָך דאַמאָלסט צום אומגליק אָפּגעדרוקט אַן אָפּרייס־קאַלענדאַר אויפן יאָר 1919 אין 15 טויזנט עקזעמפּלאַרן, געדרוקט האָב איך אים אין דער דרוקעריי פון דער דייטשער „ווילנאַער צייטונג" (אַזוי האָב איך געהאַט די ערלויבעניש). אינמיטן אויסבראָך פון דער רעוואָלוציע האָט מען אָפּגעשטעלט די אַרבעט, און דער קאַלענדאַר איז ערשט פאַרטיק געוואָרן אין דער צייט, ווען איך האָב אים שוין מער ניט געקענט אַרויסשיקן און אַזוי זיינען די גאַנצע 15 טויזנט עקזעמפּלאַרן ביי מיר געבליבן ליגן.

דעם 1־טן יאַנואַר 1919 האָבן די פּאָליאַקן איבערגענומען די מאַכט אין ווילנע. דעם 4־טן איז געקומען צו מיר איינער אַ מינסקער און געפרעגט, אפשר קען איך פאַר אים קריגן אַן ערלויבעניש אַרויסצופירן קאַלענדאַרן קיין מינסק, וועט ער ביי מיר דאַן קויפן 500 עקזעמפּלאַרן. איך האָב געפּרובט גיין אין מאַגיסטראַט, אָבער צוליב זונטאָג איז ער געווען פאַרשלאָסן, בין איך אַוועק אין שטאַב פון דער פּוילישער מאַכט, וואו עס האָט זיך אויך געפונען די קאָמענדאַנטור, און האָב מיר געווענדט פּערזענלעך צום מאַיאָר מיט דער בקשה, ער זאָל מיר אַרויסגעבן די ערלויבעניש. דער מאַיאָר האָט מיר גלייך געהייסן אַרויסגעבן די ערלויבעניש. ביי טאָג איז צו מיר געקומען נאָך איינער אַ מינסקער בעטן אַן ערלויבעניש אויף אַרויסצופירן אויך 500 קאַלענדאַרן. אַז איך בין געקומען אין קאָמענדאַטור נאָך דער ערלויבעניש, איז שוין דאָרטן געווען אַ פּאַניק; די פּאָליאַקן האָבן זיך דאַן געקליבן צו פאַרלאָזן ווילנע. דער מאַיאָר האָט מיר אין גרויס אויפרעגונג געהייסן תיכף אַוועקגיין, ווייל איך קען האָבן אומאָנגענעמלעכקייטן. אין 3 שעה אַרום איז שוין קיינער פון די פּאָליאַקן אין קאָמענדאַטור ניט געווען. די ערלויבעניש, וועלכע איך האָב דאַן באַקומען, איז געווען די איינציקע, וואָס די פּוילישע מאַכט (פון גענעראַל מ.קזשעצקי) האָט אַרויסגעגעבן אויף ביכער. ליידער האָט איר דער מינסקער ניט געקאָנט אויסנוצן.

דעם 5־טן יאַנואַר 1919 זיינען קיין ווילנע אַריין די באָלשעוויקעס און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה אין דעם בוכהאַנדל.

ס׳האָבן גלייך אָנגעהויבן אָנצוקומען באָלשעוויסטישע אַגענטן אויפצוקויפן ביכער פאַר די שולן און ביבליאָטעקן, און אַלץ אין גרויסע סכומען. מ׳איז געקומען אויך פון די קלענערע שטעט, ווייל אין יעדער שטאָט און שטעטל האָבן די קאָמיסאַריאַטן אַרויסגעגעבן גרויסע סומעס אויף ביבליאָטעקן. ס׳איז דאַן געווען אַ מאָמענט, ווען מ׳האָט געקענט פאַרקויפן יידישע ליטעראַטור צו 1000 עקזעמפּלאַרן פון בוך און לערנביכער אין די צענדליקער טויזנטער. ליידער איז אין ווילנע אויפן לאַגער קיין גרויסע זאַפּאַסן ניט געווען, און וואַרשע איז געווען אָפּגעשניטן. די באָלשעוויסטישע אַגענטן, וועלכע זיינען געקומען איינקויפן די ביכער, האָבן אַפילו געצאָלט די געפאָדערטע מקחים, זיי האָבן אָבער געטענהט, אַז מען מאַכט ספּעקולאַציע מיט ביכער און אַז מען באַרייסט זיי. אין אמתן זיינען דאַמאָלסט די פּרייזן געווען באַדייטנדיק קליין. אַ באַנד „מענדעלע" למשל, האָט געקאָסט 2 מאַרק מיט 50 פעניג; די באָלשעוויקעס האָבן אָבער געצאָלט מיט קערענקעס, האָט מען זיי גערעכנט 2 רובל מיט 50 קאָפּ.

ס׳האָבן זיך שוין דאַן געטראָגן קלאַנגען, אַז די באָלשעוויקעס האַלטן ביים נאַציאָנאַליזירן די בוכהאַנדלונגען. אין מאָסקווע



און אין גאַנץ רוסלאַנד (אויסער פּעטערבורג) זיינען שוין דאַמאָלסט אַלע בוכהאַנדלונגען געוואָרן נאַציאָנאַליזירט. אָבער די היגע באָלשעוויסטישע פאָרשטייער האָבן דאָס אָפּגעלייקנט.

דעם 5־טן אַפּריל האָט מען פּלוצלונג פאַרחתמעט אַלע ווילנער בוכהאַנדלונגען. מ׳האָט געוועזט געזאָגט, אַז מ׳וועט די ביכער נאָר נעמען „אויף חשבון", און נאָכדעם וועט מען די בוכהאַנדלונגען עפענען. שפּעטער האָב איך זיך אָבער דערוואוסט, אַז די גרויסע בוכגעשעפטן, ווי סירקין, זאַוואַדסקי, שרעבערק, איצקאָוויטש און אַנדערע וועט מען נאַציאָנאַליזירן, און נאָר די קלענערע געשעפטן וועט מען נעמען „נאַ אוטשאָט" און מ׳וועט זיי צוריק עפענען.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען פאַר מיר אין די אויגן אָנגעהויבן אָפּצושרייבן מיין געשעפט. די באַשטעלונג, וואָס איך האָב באַקומען פאַר דער מינסקער בילדונגס־אָפּטיילונג, האָט מען נאָך אַ השתדלות פון פרוי פרומקין ערלויבט אַרויסצוגעבן. נאָכדעם איז געקומען אַ מיטגליד פון דער ווילנער בילדונגס־אָפּטיילונג און האָט מיך פון געשעפט אינגאַנצן באַזייטיקט, דראָענדיק מיר מיט אַרעסט, אויב איך וועל זיך ערלויבן אַריינצוקומען. אין דער זעלבער צייט האָט מען שוין אָנגעהויבן אויפנעמען דעם געשעפט ביי סירקינען, באַשטימענדיק איינעם פון זיינע אָנגעשטעלטע אַלס קאָמיסאַר. מיר האָבן שוין דאַן געוואוסט, אַז ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן די דערמאָנטע געשעפטן צו נאַציאָנאַליזירן.

מיר האָבן זיך דאַן געווענדט מיט אַ מעמאָראַנדום צום ראש פון דער רעגירונג, מ י צ ק ע װ י ט ש ־ ק אַ פּ ס ו ק אַ ס און אויך צו זיין סעקרעטאַר פּ אָ ז ש ע ל אָ, דערקלערנדיק, אַז ס׳האָט דאָך קיין צוועק ניט צו נאַציאָנאַליזירן אַ בראַנזשע, ווי בוכהאַנדלונגען, וואָס אין זיי אַלע צוזאַמען אויף אַלע שפּראַכן וועט מען קוים געפינען ביכער פאַר 100 טויזנט רובל (ווארים ניט אַלע ביכער קען דאָך פאַר זיי נוצן, און אין אַנדערע געשעפטן זיינען דאָך די ביכער 80 פּראָצענט רעליגיעזע); איז דאָך גלייכער צו נעמען נאָר די נייטיקע ביכער און ניט אָפּצונעמען קיין באַשעפטיקונג פון אייניקע הונדערט פּערזאָן. פּאָזשעלאָ האָט געענטפערט, אַז אייגנטלעך האָט ער אויך דיזעלביקע מיינונג, און אויף דער אַלגעמיינער זיצונג האָט ער טאַקע פּראָטעסטירט. נאָר דער בילדונגס־קאָמיסאַר ל ע ש ט ש י נ ס ק י האָט ניט נאָכגעלאָזן, און באַשטאַנען דווקא אויף דעם, אַז מ׳מוז די בוכהאַנדלונגען נאַציאָנאַליזירן. איך האָב זיך דאַן געווענדט פּערזענלעך צום געהילף־קאָמיסאַר פאַר בילדונג ה׳ ב י ר ז ש י ש ק אַ מיט דער בקשה, מ׳זאָל מיר צום ווייניקסטן אַרויסגעבן די רעליגיעזע ספרים און די העברעאישע לערנביכער מיט די העברעאישע ספרים בכלל, וועלכע די באָלשעוויקעס דאַרפן ניט האָבן, און וועלן עס קיינמאָל ניט באַנוצן. ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער פּערזענלעך וואָלט גאָרניט געהאַט קעגן דעם, אָבער אַזוי ווי ער איז ניט קאָמפּעטענט אין דער יידישער ליטעראַטור מוז די זאַך איבערגעגעבן ווערן אין דעם רשות פון די יידישע קאָמיסאַרן, און זיי זאָגן, אַז מען זאָל נאַציאָנאַליזירן אַלץ, אַפילו דאָס, וואָס זיי דאַרפן ניט. דאָך האָט ער מיר געזאָגט, אַז שפּעטער צו זאָל איך זיך ווידער משתדל זיין, וועט אפשר די רעגירונג אַרויסגעבן אַ באַזונדערן דעקרעט, אַז מ׳זאָל מיר אָפּגעבן די ביכער.

דעם 18־טן יאַנואַר האָבן מיר זיך נאָכאַמאָל געווענדט צו פּאָזשעלאָן מיט דער בקשה, אַז מ׳זאָל אָפּהאַלטן דעם דעקרעט וועגן דער נאַציאָנאַליזירונג פון די בוכהאַנדלונגען. דערביי האָבן מיר אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז אין אַזאַ צייט, ווען עס טראָגן זיך אַרום קלאַנגען, אַז די פּוילישע אַרמיי גייט אויף ווילנע און געפינט זיך שוין 15 וויאָרסט פון שטאָט, איז דאָך געוויס קיין צייט ניט צו גיין רואינירן געשעפטן. דערויף האָט ער אונז געענטפערט, אַז דער דעקרעט דרוקט זיך שוין, און ער קען גאָר

ניט העלפן, און די קלאַנגען האָבן קיין ממשות ניט. שבת דעם 19=טן איז דער דעקרעט אָפּגעדרוקט געוואָרן, און אין 2 שעה אַרום זיינען די פּאָליאַקן אַריין קיין ווילנע. אינטערעסאַנט איז, אַז סירקינס געשעפט איז שוין אינגאַנצן געווען פאַרפּאַקט אין קאַסטנס, און דעם זעלביקן שבת האָט מען זיי געזאָלט אַרויסשיקן קיין מאָסקווע.

בשעת די פּוילישע אַרמיי איז אַריין אין ווילנע, זיינען נאָך אַלע בוכהאַנדלונגען געווען פאַרחתמעט און די שליסלען האָבן זיך געפונען ביי די באָלשעוויסטישע קאָמיסאַרן. ס'איז אויסגעקומען אויפצורייסן די שלעסער פון די געשעפטן. איך האָב די דאָזיקע אַרבעט האַלב פאַרשפּאָרט, ווייל עטלעכע לעגיאָנערן, וועלכע האָבן צעראַבירט אייניקע געשעפטן אין הויף, האָבן זיך גענומען אויך צו מיין געשעפט (ניט ווייסנדיק, אַז דאָס איז אַ בוכהאַנדלונג) און האָבן צעבראָכן די אייבערשטע שלעסער, און אַזוי ווי די דרויסנדיקע טיר האָט זיך זיי ניט אַיינגעגעבן אויפצוברעכן, האָבן זיי צעבראָכן אַ פענסטער און דורך אים אַריין אינעווייניק און צוגענומען פון דאָרטן שטוב=זאַכן מיינע אייגענע און פרעמדע, אויך אייניקע טליתים. אַז איך בין אַריין אין געשעפט, האָב איך דאָרטן געפונען אַ שרעקלעכן חורבן. איך קען ניט וויסן, צי דעם חורבן האָבן אָנגעמאַכט די לעגיאָנערן, אָדער די באָלשעוויקעס. נאָר ס'האָט געדויערט ביי מיר אַ לענגערע צייט, ביז איך האָב געקענט געפינען וואו עס ליגט אַ בוך.

מ'טן פאַרנעמען ווילנע דורך די פּאָליאַקן האָבן מיר זיך ווידער פאַרבונדן מיט וואַרשע. אין יוני בין איך שוין געווען אין וואַרשע. אין וואַרשע האָט דער בוכגעשעפט אויסגעוויזן אַ ביסל אַנדערש ווי אין ווילנע. דאָרטן האָבן זיי שוין געהאַט אַ פאַרבינדונג מיט גאַנץ פּוילן, מיט עסטרייך, מיט אויסלאַנד. אין וואַרשע האָט מען געדרוקט און געלייזט, און דער מסחר האָט דאָרטן אָנגעהויבן אויפצובליִען. די פּרייזן זיינען געשטיגן, אָבער ניט צו הויך.

אין ווילנע איז אָבער דער מסחר אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן. מ'איז געווען אַרומגעצאַמט פון אַלע זייטן, און ס'איז ני געווען פון וואַנען צו לייזן. פון איין זייט די באָלשעוויקעס, ... פון דער אַנדער זייט די ליטווינער. פאַר ווילנע איז געבליבן אָפן נאָר פּוילן. די דרוקער פון רומל=ספרים האָבן אָנגעהויבן צו באַקומען באַשטעלונגען פון פּוילן ערשט אין אַווגוסט, ווייל ביז דאַן איז געווען אוממעגלעך צו שיקן. די מקחים פון ווילנער רומל זיינען דאַן געווען 12—10 מאַרק פאַר אַ רובל. מיטן אָנהייבן לייזן, מיט דעם שטייגן פון די פּרייזן אויף פּאַפּיר און אַרבעט, האָבן נאַטירלעך אָנגעהויבן צו שטייגן אויך די מקחים פון די ספרים. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז אין יוני האָט מען שוין באַרעכנט 100 מאַרק פאַר אַ רובל.

אין די ערשטע חדשים 1920 האָט זיך דער גאַנצער בוכהאַנדל פאַרגרעסערט. פּוילן און גאַליציע, וועלכע זיינען געווען אויסגעהונגערט אין ווילנער רומל=ספרים, האָבן אָנגעהויבן צו פאָדערן סחורה אין גרעסערע סכומען. אויך האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרבינדונג מיט אויסלאַנד. ס'איז מעגלעך געוואָרן צו שיקן דורך פּאָסט קרייצבענדער קיין אַמעריקע, ארץ=ישראל און ענגלאַנד און מ'האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו לייזן.

ווען די פאָדערונג אויף ביכער איז געוואָרן גרעסער, האָבן אויך די ווילנער פאַרלאַגן באַנייט זייער טעטיקייט און האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן נייע ביכער. מיר האָבן געהאַט באַשטעלונגען אויך פון קאָוונע, און האָבן געמיינט, אַז דאָס נאָרמאַלע לעבן האָט זיך שוין איינגעשטעלט. ערשט עס זיינען אָנגעקומען די באָלשעוויקעס. בשעת דעם אָפּטרעטן פון די פּאָליאַקן פון ווילנע איז אויפן באַן צעראַבירט געוואָרן מיינער אַ טראַנספּאָרט=סחורה אין דעם ווערט פון 50 טויזנט מאַרק.

נאָכדעם ווי די באָלשעוויקעס האָבן פאַרנומען ווילנע צום צווייטן מאָל אין יולי 1920, זיינען מיר ווידער אָפּגעריסן געוואָרן פון וואַרשע און האָבן זיך געמוזט שפּייזן מיט דער ביסל ליטעראַטור, וואָס מיר האָבן געהאַט אויפן לאַגער. ס'האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן פון רוסלאַנד בעלנים אויף ביכער; ס'איז אָבער ניט געווען וואָס צו געבן. דאַן איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג פון דער באָלשעוויסטישער מאַכט צו פאַרחתמענען אַלע בוכגעשעפטן: ייִדישע, רוסישע און פּוילישע. ניט פאַרחתמעט זיינען נאָר געבליבן די קראָמען פון רומל=ספרים. מ'האָט זיך גערעכנט, אַז אַלע ייִדישע לערנביכער, ליטעראַטור א. אַ. וו. וועלן די באָלשעוויקעס צונעמען און די רומל=ספרים וועלן זיי איבערלאָזן. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער צוריקמאַרש פון די באָלשעוויקעס, זיינען נאָך די בוכגעשעפטן אַלץ געווען פאַרחתמעט. עס זיינען אָנגעקומען פאָרשטייער פון די סאָוועטישע מאָסקווער ביכער=לאַגערס אַרויסצוראַמען אַלץ, וואָס זיי וועלן נאָר געפינען אין ווילנע. אָנגעהויבן האָבן זיי פון די רוסישע בוכהאַנדלונגען (דאָס מאָל האָבן זיי געצאָלט געלט,—סאָוועטישע נאַטירלעך—50 סאָוועטישע רובל פאַר אַ בוך, וואָס האָט געקאָסט אין פרידנס=צייט אַ רובל), און נאָכהער האָבן זיי גערעכנט נעמען אויך ספרים אין אַנדערע שפּראַכן. אינמיטן אָבער, ווען זיי האָבן געהאַט אויסזיכטן אויף פאַרנעמען וואַרשע, האָבן זיי די ייִדישע ביכער אין ווילנע ניט גענומען, רעכענענדיק, אַז דאָרטן וועלן זיי געפינען גרעסערע לאַגערן. אַזוי=אַרום זיינען די ווילנער ייִדישע בוכהאַנדלונגען, און אויך אַ טייל רוסישע, געבליבן גאַנץ, ניט רעכענענדיק אַזוינע ביכער, וועלכע מ'האָט זיי געלאָזט נעמען מיטן גוטן ווילן.

נאָכדעם ווי די באָלשעוויקעס האָבן אָפּגעגעבן ווילנע די ליטווינער (25=טן אַווגוסט), האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעגלמעסיקע פאַרבינדונג מיט ליטע, און עס האָט זיך געעפנט אַ גרינגערע קאָמוניקאַציע מיט אויסלאַנד דורך ליטע. ליטע האָט אָנגעהויבן צו פאָדערן ליטעראַטור און לערנביכער פאַר זיך און אויך פאַר לעטלאַנד און די איבעריקע ניי=געשאַפענע מלוכות, מיט וועלכע ליטע האָט געהאַט אַ פאַרבינדונג. אויך קיין רוסלאַנד האָט מען פון ליטע געשיקט סחורה.

מיטן פאַרנעמען ווילנע דורך די פּאָליאַקן צום 3=טן מאָל (9 אָקטאָבער 1920), איז ווילנע ווידער אָפּגעשניטן געוואָרן פון ליטע; דערפאַר איז זי אָבער פאַראייניקט געוואָרן צוריק מיט פּוילן. דורך דעם האָט דער מסחר געקראָגן אַ גרעסערן אָפּזאַץ. גאַליציע און פּוילן האָבן אָנגעהויבן צו פאָדערן רומל=ספרים אין גרויסע סכומים. די פּרייזן זיינען אין משך פון 6 חדשים געשטיגן פון 100 מאַרק ביז 350 מאַרק פאַר אַ רובל (אַ קורצע צייט געוויסע אַרטיקלען ביז 600 מאַרק). די פאַרלאַגן האָבן זיך אויך באַנייט. אַזוי האָט קלעצקינס ווילנער פאַרלאַג אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן נייע און איבערדרוקן אַלטע ביכער, אויך מיין פאַרלאַג א. א. וו. ייִדישע ליטעראַטור האָט אין דער צייט פון די 6 חדשים געשטיגן אויף 300 פּראָצ. אַזוי, למשל, האָט מען אין יולי 1920 גערעכנט דורכשניטלעך אַ בויגן 5 מאַרק ברוטאָ, און אין מאַי 1921 האָט שוין געהאַלטן ביי 25—20 מאַרק אַ בויגן ברוטאָ. די סיבה דערפון איז די ירידה פון דער פּוילישער וואַלוטע און די שטייגערונג פון דרוק, אַרבעט און פּאַפּיר. אַזוי, למשל, האָט אין יולי 1920 געקאָסט זאַץ פון פאָרמאַט 10×6 700 פּוילישע מאַרק, און צום 1=טן יוני 1921 האָט דערזעלביקער זאַץ געקאָסט 10—9 טויזנט מאַרק אַ בויגן. אַלע אָפּגעדרוקטע אַרבעטן זיינען געשטיגן 15—10 מאָל אַזוי פיל אינם משך פון יאָר. און עס איז אינטערעסאַנט, אַז וואָס מער עס שטייגן די פּרייזן, זיינען די ווילנער זעצער אַלץ מער פאַרנומען מיט אַרבעט, און מ'שרעקט זיך ניט אָפּ פאַר די גרויסע מקחים.

אויך די רומל=דרוקער הייבן אָן ביסלעכווייז צו באַנייען זייער אַרבעט און הייבן אָן איבערצודרוקן זייערע אַלטע אויסגאַבן, וועלכע זיינען פאַר דער צייט אויספאַרקויפט געוואָרן.

א. י. גאָלדשמידט.

# די יידישע פּרעסע אין ווילנע צייט דער מלחמה.

## I. אין ערשטן יאָר פון דער מלחמה.

דער ערשטער שאָס פונם 19 יולי (1 אַווגוסט) 1914 האָט תּיכף געטראָפן די יידישע קולטור, די גאַנצע יידישע קולטור, הן די מאַטעריעלע הן די גייסטיקע, אין אַלע לענדער פון די קריגערישע צדדים. אָבער באַזונדערס בּולט און שאַרף האָט מען שוין פון די ערשטע טעג פון דער וועלט-מלחמה געקענט זען דעם אָנהייב פונם יידישן קולטורעלן חורבן אין דער אייביק ליידנדיקער ליטע, וואָס איר איז באַשערט געווען צו ווערן איינער פון די הויפּט-פּונקטן, וואו עס דאַרף אַנטשיידט ווערן דער ווייטערדיקער גאַנג פון דער וועלט-געשיכטע, און ווילנע, די הויפּט-שטאָט פון ליטע, איז אויך געווען דער הויפּט-צענטער, וואו דער דאָזיקער חורבן האָט זיך אַרויסגעוויזן אין זיין גאַנצער שוידערלעכקייט.

ווילנע איז אַלע מאָל געווען איינער פון די וויכטיקסטע צענטערס פון דער יידישער קולטור (בּרייט גענומען) און באַזונדערס אין די לעצטע פאָר צענדליק יאָר פאַר דער מלחמה. איינזאַמע שוועלבעלעך פון אויפלעבונג האָבן זיך דאָ צונויפגעקליבן אין איין קליינעם, נאָך זייער ווייניק באַשיצטן נעסט פון נאַציאָנאַלער קולטור און גרופּירט זיך אַרום איין אידעאַל פון אַ ליכטיק-פּרייען, שיינעם פרילינג. די לופט האָט גענומען וואָס פון מאָל מער פול ווערן מיט התחלות פון נייע מונטערע פויגל-געזאַנגען — און פלוצלונג... איז דער גאַנצער הימל באַדעקט געוואָרן מיט אַ געדיכט-שוואַרצער שטיקנדיקער כמאַרע און די גאַנצע וועלט איז צעטרייסלט געוואָרן פון דעם אומגעריכטן, נאָך קיינמאָל ניט געהערטן, אויסערגעוויינלעך מעכטיקן דונער-געקנאַל, און איז אַרויס פון אירע גרונדפעסטן. איבערגעריסן איז געוואָרן דער פויגל-געזאַנג און פאַרוויסט זיינען געוואָרן די נעסטן. ווי אַ ווילדער שטורימווינט פון אַלע עקן וועלט געקומען, האָט זיך אין לעבן פון פעלקער, קיבוצים און יחידים פלוצלונג אַריינגעריסן די וועלט-געשיכטע און געבראַכט אַ תוהו ובוהו...

— ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס לעבן! — האָט מען אומעטום געהערט.

אַ יאוש האָט אַרומגענומען די הערצער פון די מענטשן ס'איז ניט אַיינגעגאַנגען קיין שוך און קלייד, ס'איז עסן — טרינקען ניט אַיינגעגאַנגען, אויף אַ בוך האָט מען אפילו אַ קוק טאָן ניט געוואָלט. מ'האָט צו קיין שום זאַך אין לעבן קיין אינטערעס ניט געפילט. אין דער לופטן איז איין פראַגע בלויז געשטאַנען: „וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין?” — — —

„ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס לעבן!”

און ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט אַלץ, וואָס האָט דערמאָנט אָן לעבן, אָן נאָרמאַלן לעבן. ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט די גאַנצע נאָרמאַלע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע טעטיקייט — — —

ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט די „יודישע וועלט”, ס'זיינען אָפּגעהאַקט געוואָרן די „גרינינקע ביימעלעך”... ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט די פרוכטבאַרע טעטיקייט פון „ווילנער פאַרלאַג” און אַלע סימפּאַטישע התחלות האָבן זיך איבערגעהאַקט אין שורש...

קיין וועכנטלעכע און קיין טעגלעכע יידישע פּרעסע אַלס אַזעלכע האָט צו יענער צייט אין ווילנע כמעט ווי ניט עקסיסטירט.

דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַן פון די שניידער-אַרבעטער „דער שניידער” האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט אַ געוויסער צייט נאָך פאַר דער מלחמה.

ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט דער פאַך-אָרגאַן פון די האָלץ-סוחרים „דער האָלץ-הענדלער”.

פון א. קירזשניצעס פּערטליאָריקן „ביבליאָטעקאַר” איז אַ-ויס בלויז דאָס ערשטע בוך.

„דער שטערן” (טעגלעכע צייטונג) פון יעקב היילפּערין, וואָס איז מיט גרויסע הפסקות געגאַנגען קרוב אָנדערהאַלבן יאָר (פון 15 פעברואַר 1913 אָן), האָט געניכוועט (מחמת פינאַנסיעלער און זשורנאַליסטישער בלוטאָרימקייט) — — —

דער העברעאישער „הזמן” פון פייוול מאַרגאָלין האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט.

איז, הייסט עס, אין ווילנע קיין יידישע פּרעסע ניט געווען.

די צייט איז אָבער געווען אַן אויסערגעוויינלעכע. יעדער טאָג, יעדע שעה, יעדע מינוט אפילו (אָן אַ גוזמא) האָט געבראַכט די אומגעריכטסטע איבעראַשונגען, וואָס האָבן ביזן גרונד אויפגעטרייסלט דעם גוף און ד' נשמה. און די מענטשן האָבן געלעבט מיטן טאָג, מיט דער שעה, מיט דער מינוט. די פאָרשטעלונג וועגן דער צוקונפט איז ווי אינגאַנצן פאַרשוואונדן. די פאַנטאַזיע האָט קוים דערגרייכט דעם משך פון אַ חודש אָדער מאַקסימום צוויי, ווען „עס מוז און וועט זיך געוויס אָפּשטעלן די מלחמה”. דער עולם האָט זיך מיט אַ נאָך ניט געזעענער להוטקייט געוואָרפן אויף די אומגעלומפּערטע „נייסן” און די יידישע ווילנע האָט נאָך קיינמאָל פריער ניט געפילט אַזאַ באַדערפעניש אין אַן אייגענער יידישער צייטונג, ווי דעמאָלט, נאָכן אויסבראָך פון דער וועלט-מלחמה. אַ יידישע צייטונג, אַרויסגעגעבן אין ווילנע, האָט פריער קיינמאָל קיין מזל ניט געהאַט, האָט זיך קיינמאָל דאָ ניט געקענט לאַנג האַלטן; די וואַרשעווער און פּעטערבורגער צייטונגען האָבן זי אַלע מאָל געשטיקט און דערשטיקט. איצט אָבער האָבן יענע צייטונגען שוין דעם ווילנער יידישן עולם ניט געקענט מער אינגאַנצן באַפרידיקן; אינם מאָמענט פון זייער אָנקומען אַהער זיינען זיי שוין פאַר אים „צו אַלט” געווען: ער האָט געזוכט די „לעצטע טעלעגראַמעס”, די „נאָכהאַלבענאַכטיקע” דעפּעשן...

צו באַפרידיקן די דאָזיקע באַדערפענישן איז אַרויסגעטראָטן — ווידער דער דערמאָנטער יעקב היילפּערין מיט זיין „שטערן”. ער האָט געמאַכט שותּפות מיטן דרוקער ה' ב. ציוגסאָן, גענומען אַ „מענטשן” אַן איבערזעצער פאַר שה"י פה"י, אַליין אויך „מיטגעאַרבעט”, באַצאָלט פאַר דעפּעשן, גאָר ניט ווי זיין מנהג איז ביז דעמאָלט געווען איבערצוזעצן פאַרן „שטערן” טעלעגראַמעס פון די ווילנער רוסישע צייטונגען, — און זיין צייטונג איז געווען פאַרטיק. דאָס בלעטל איז אָבער געווען אין אַלע פּרטים אַ פּוסטס, אַ נישטיקס און האָט קיינעם ניט באַפרידיקט. באַלד האָט י. היילפּערין באַקומען אַ קאָנקורענט — אין דער פּערזאָן פון דעם דערמאָנטן אַרויסגעבער פונם „הזמן” פייוול מאַרגאָלין, — און זיין בלעטל האָט זיך געהאַלטן אַ וואָסער

חודש אָדער פינף וואָכן און האָט זיך צום סוף פאַרמאַכט—שוין אויף אַלעמאָל — — —

פ. מאַרגאָלין האָט צוגעצויגן כמעט אַלע שטענדיקע צייטונגס־מיטאַרבעטער אין ווילנע, האָט געעפנט צוריק דעם „הזמן“ און געגרינדעט אַ נייע יידישע טעגלעכע צייטונג:

„דער פריינד“.

דער ערשטער נומער איז אַרויס פרייטאָג דעם 15 אָב תרע״ד—25 יולי 1914. אַלס רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער איז געווען אונטערגעשריבן: ח. מ. (חנה־מלכה) מאַרגאָלין, דעם אַרויסגעבערס פרוי. אַ זעצעריי האָט מאַרגאָלין געהאַט אַן אייגענע, נאָר געדרוקט האָט ער זיינע צייטונגען אין דער פוילישער דרוקעריי „פראָמיען“ (ווילנע, איגנאַט. פערעאול., 5).

דער אַבאָנעמענטס־פרייז איז געווען: אַ יאָר 7 רובל; אַ האַלב יאָר 3,50 ר׳; אַ פערטל יאָר 1,75 ר׳; אַ חודש 58 קאָפּ. פרייז אין איינצל־פאַרקויף אין ווילנע—2 קאָפּ. דערצו איז געווען אַ באַמערקונג פון קאָנטאָר: „מחמת די איצטיקע באַדינגונגען אויף די אייזנבאַנען, מוזן מיר שיקן דעם „פריינד“ צום איינצל־פאַרקויף אין פראָווינץ דורך פאָסט, וואָס איז פאַרבונדן מיט פיל גרעסערע הוצאות. צוליב דעם זיינען מיר געצוואונגען צייטווייליק צו רעכענען דעם איינצל־פרייז פון „פריינד“ אין פראָווינץ 3 קאָפּ“. אַנאָנסן־פרייז פאַר אַ נאָנפּאַרעל־שורה: נאָכן טעקסט 45 קאָפּ.; פאַרן טעקסט 90 קאָפּ.; אין טעקסט 1,25 ר׳.

אינעווייניקסטער רעדאַקטאָר איז געווען משה שאַליט; כראָניקעס פלעגט ברענגען אויך ברוך־משה בראַז. שטענדיקע מיטאַרבעטער: א. י. גאָלדשמידט, פ. היילפּערין, יודיצקי (אַ. יוד), בן־ציון כץ, ליפּמאַן־לעווין, ש. ל. ציטראָן; ניט שטענדיקע: א. י. גראָדזענסקי, י. ח. ראָזנבוים א. אַ.

קיין פּאָליטישע ריכטונג האָט די צייטונג ניט געהאַט און ניט געקענט האָבן, מחמת דער באַזונדערס ברוטאַלער פּאָליציי־אישער און מיליטערישער צענזור, וואָס פלעגט אָפט אין דער סאַמע אומשולדיקסטער כראָניק אפילו אַיינזעען אַ פאַרדעכטיקן סוד. לייט־אַרטיקלען זיינען דורך דער צענזור לחלוטין ניט דורכגעלאָזן געוואָרן: אונטער דער ממשלה פון גענעראַל רעננקאַמף און פירשט טומאַנאָוו האָט קיינער, בפרט די יידישע פרעסע, ניט געטאָרט האָבן און אַרויסזאָגן וועגן קיין זאַך קיין אייגענע מיינונג. מ׳האָט ניט געטאָרט שרייבן זעלבשטענדיק ניט וועגן נאַציאָנאַלע און ניט וועגן אינטערנאַציאָנאַלע פראַגן, ניט וועגן עקאָנאָמישע און ניט וועגן פּאָליטישע ענינים, ניט וועגן מלחמה און ניט וועגן שלום. מ׳האָט געמעגט דרוקן נאָר אָפיציעלע טעלעגראַמעס, און דאָס אויך ניט אַלע און דאָס אויך ערשט נאָך דער דערמאָנטער טאָפּלטער פּאָליצייאיש־מיליטערישער צענזור; מ׳האָט געמעגט איבערדרוקן פון רוסישע צייטונגען נאָר דאָס, וואָס איז געווען געשריבן אין קאַזיאָנע־פּאַטריאָטישן גייסט, און אפילו אַזוינע אַרטיקלען זיינען ניט אַלע מאָל ערלויבט געוואָרן איבערצודרוקן. פון יעדן נומער פלעגן דורך דער צענזור אַרויסגעוואָרפן ווערן כראָניקעס, טעלעגראַמעס און גאַנצע אַרטיקלען, די צייטונג פלעגט אַרויסגיין מיט בלויזן אָדער פלעגט פאַרפילט ווערן מיט אַנדערע אויסגעזוצטע „כשרע“ מאַטעריאַלן. מ׳האָט קיינמאָל ניט געקענט זיכער אויסרעכענען, וואָס איז „כשר“ און וואָס איז „טרייף“. און דאָך האָט מען זיך ביסלעכווייז צוגעוויינט און די צייטונג האָט זיך גוט אַיינגעאָרדנט. זי איז געוואָרן אין רעדאַקציאָנעלן זין אַ גאַנץ גוט אַוועקגעשטעלט אינפאָרמאַטיוו און אומפּאַרטייאיש בלאַט. די שפּראַך איז שטרענג סטיליזירט און געשליפן געוואָרן; די אָרטאָגראַפיע איז געווען די אַלטע, פון פּעטערבורג־וואַרשעווער „פריינד“, אָבער פון געוויסע ווערטער (ליד, ליבע א. אַ.) איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן דער שטומער ע׳.



די שטענדיקע אָפּטיילונגען פון דער צייטונג: די מלחמה (טעלעגראַפיש), אַרום דער מלחמה (פון צייטונגען), יידישע נייס, אין פּאַלעסטינע, פאַרשיידענע נייס, ווילנע, פעליעטאָן, אַלערליי (מלחמה־אַנעקדאָטן), נאַכט־דעפּעשן, פון צייט צו צייט אויך ביבּליאָגראַפיע (אַלעמאָל פון מ. שאַליט). אין פעליעטאָן זיינען געווען פאַר דער גאַנצער צייט פונם קיום פון דער צייטונג סך הכל דריי אָדער פיר אָריגינעלע אַרטיקלען (רייזע־נאָטיצן פון בערלין קיין פּעטערבורג—פון בן־ציון כץ, די יידן אין לעמבערג—פון ש. ל. ציטראָן, די קינדערהיים אין ווילנע—פון י. ח. ראָזנבוים); ווייטער זיינען דורכאויס געווען איבערזעצונגען פון פּובליציסטישע אָדער האַלב־בעלעטריסטישע אַרטיקלען אויף מלחמה־טעמעס. באַזונדערס אינטערעסאַנט זיינען געווען די אַרטיקלען פון בערנאַרד שאָו (נבואה וועגן דער „לעצטער מלחמה“), אועלס, טאַן („שמחה פורמאַן“, „שלייכער דער שפּייזער“), ש. אַנ–סקי („אין יידישן לאַזאַרעט“, פון „דיען“) און עמיל ווערהאַרן. ס׳זיינען אויך געווען אַרטיקלען וויכטיקע פאַר דער געשיכטע („די עקאָנאָמישע לאַגע פון תחום“—ה. לוריא, „היימלאָזע“), בריוו פון דער פּראָווינץ, וועגן „די ליטווישע יידן“, „אַ ווידוי“ פון אַ געשמדטן סטודענט, וועגן דעם סקולפּטאָר יצחק איטקינד, אַ בריוו פון שמעון דובנאָוו צו מענדעלע מוכר־ספרים און אַרטיקלען וועגן פּרצן.

מודעות האָט די צייטונג געהאַט ווייניק, מחמת דעם עקאָנאָמישן חורבן, אָבער דאָך האָט זי זיך אויסגעהאַלטן, איז געגאַנגען גוט. די מיטאַרבעטער, די זעצער און די אָנגעשטעלטע האָבן באַקומען אַ הונגער־שכירות, האָבן לאַנג געליטן און געשוויגן, אָבער צום סוף האָט ביי זיי אַלעמען געפּלאַצט די געדולד און זיי האָבן פּה־אחד דערלאַנגט דעם אַרויסגעבער גאַנץ מעסיקע פאָדערונגען. דער ענטפער איז געווען—די אָפּשטעלונג פון „הזמן“ און פון „פריינד“.

דער „פריינד“ איז געגאַנגען פון 15 אָב תרע״ד ביזן 21 ניסן תרע״ה (25 יולי 1914—31 מערץ 1915). אַרויסגעגאַנגען זיינען סך הכל 194 נומערן.

---

דאַן האָבן די ברידער נחום און לייבוש באַביצקי אָרגאַניזירט אַ מין קאָאָפּעראַטיון צייטונג־פאַרלאַג, און פרייטאָג דעם 22 סיוון תרע״ה (22 מאַי 1915) איז אַרויס דער ערשטער נומער פון דער טעגלעכער אומפּאַרטייאישער צייטונג

„דאָס פאָלק“.

אונטערגעשריבן: רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער ל. באַביצקי; דרוקעריי פון פ. גאַרבער, ווילנע, זאַוואַלנע— Разрѣшено Военной цензурой.

אַבאָנעמענטס־פרייז: אַ יאָר 5 רובל, אַ האַלב יאָר—2,50 ר. אַ פערטל יאָר 1,50 ר. אין איינצל־פאַרקויף 2 קאָפּ.

אינעווייניקסטע רעדאַקטאָרן האָבן זיך מחמת סכסוכים אַ פּאָר מאָל געביטן. שטענדיקע מיטאַרבעטער זיינען געווען: א. י. גראָדזענסקי, פּאָלק האַלפּערין, ליפּמאַן־לעווין, ש. ל. ציטראָן, ד. קאַפּלאַנאָוויטש, מ. שאַליט. כראָניקעס פלעגן ברענגען ב. מ. בראַז. און משה לונעווסקי.

„דאָס פאָלק“ האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַנדערש ווי „דער פריינד“. דאָרטן זיינען אָריגינעלע אַרטיקלען געווען אַ זעלטנהייט (מחמת די צענזור־באַדינגונגען און אויך מחמת דער אַרויסגעבער אַליין האָט עס צוליב עקאָנאָמיע ניט געוואָלט); דאָ זיינען אָריגינעלע אַרטיקלען געווען איינער פון די יסודות פונם בלאַט, וואָס איז אַגב אַרויסגעגאַנגען אין עטוואָס אַ גרעסערן פאָרמאַט ווי יענער. די שטענדיקע אָפּטיילונגען זיינען געווען:

טעלעגראַמען, די פאָליטישע וועלט, אַרום דער מלחמה, פון דער פרעסע, פאַרשיידענע נייס, יידישע נייס, אין ווילנע, נאַכט=טעלעגראַמען, טאָגפראַגן, פעליעטאָן און קליינער פעליעטאָן. אין די „טאָגכראַגן" פלעגט יעדן טאָג אַן אַנדערער פון די מיטאַרבעטער דאַרפן געבן אַן אַרטיקעלע. געשריבן האָבן: האַלפערין (ה.), ל. לעווין (ל.), ציטראָן (צ.), און שאַליט (ש—ט). אין פעליעטאָן האָבן געשריבן אַלע מיטאַרבעטער, אין קליינעם פעליעטאָן קאַפלאַנאָוויטש (דן) און גראָדזענסקי (בלייפעדער).

די צייט איז געווען אַ בייזע און אַ פינסטערע: ווילדסטע בילבולים, גירושים, פאָגראָמען, פולשטענדיקער חורבן. ס'האָט געברענט אין האַרצן אַ פאַרלאַנג כאָטש וויפיל ניט איז און ווי עס איז צו רעאַגירן אויף די טאָג=טעגלעכע פורעניותן, וואָס האָבן זיך אָן אַ שיעור געשאָטן אויף די יידישע קעפ. אָבער דער רויטער בלייפעדער פונם צענזאָר האָט געאַרבעט מיט דער קאַלטקייט פון אַ תּליון, און פון יעדן נומער פלעגן אַרויסגעוואָרפן ווערן אַ פערטל, אַ דריטל און ניט זעלטן אַפילו אַ העלפט און דריי פערטל פונם אויסגעזעצטן אָריגינעלן און יידיש=אינפאָרמאַטיוון מאַטעריאַל. די צייטונג פלעגט אַרויס מיט גרויסע, נאָך ניט געזעענע בלויזן. אַזוי אַרום זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען מאַסן מאַטעריאַלן, אומגעהייער וויכטיקע פאַר דער געשיכטע פון יענער צייט.

ס'זיינען ווערט דערמאָנט צו ווערן די גרעסערע אַרטיקלען: פון ש. ל. ציטראָן: „ד"ר יהודה ליב קאַנטאָר" און „געדאַנקען"; פון מ. שאַליט (מ. זלמנסאָן): „די יידישע ווירקלעכקייט" (וועגן די היימלאָזע,—שטאַרק געליטן פון דער צענזור) און „צום אָנדענקען פון י. ל. פרץ"; פון א. י. גראָדזענסקי: „יידישע אַרבעטסלאָזע אין ווילנע" און „אונזערע באַראָנען"; פון —ק: „ליוטאָסטאַנסקי" און „ווילנע—מינסק"; אויך די אַרטיקלען: „ריגע פאַר די היימלאָזע" און „זואַוון=יידן".

מודעות זיינען געווען ווייניק, אָבער די צייטונג האָט זיך אויסגעהאַלטן.

אין דער ערשטער העלפט יולי 1915 איז לויט אַ באַפעל פון ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש אָפגעשטעלט געוואָרן די גאַנצע העברעאיש=יידישע פרעסע. דאַן איז צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אָרגאַנען פון יידישן געדרוקטן וואָרט אין וואַרשע, אָדעס, ביאַליסטאָק און ווילנע פאַרמאַכט געוואָרן אויך „דאָס פאָלק", נאָכדעם ווי ס'זיינען אַרויס פון אים עטלעכע און פערציק נומערן.

אין סוף יוני האָט משה קאַרפינאָוויטש בשותּפות מיט שמואל גריינימאַן אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ קאָפיקענעם

## „ווילנער טאַגעבלאַט",

וואו זיי ביידע זיינען געווען די מיטאַרבעטער. די דאָזיקע צייטונג איז אויך פאַרמאַכט געוואָרן צוזאַמען מיטן „פאָלק", דאַכט זיך, אויפן 18 נומער.

די ברוטאַלע גזרה האָט געטראָפן אויך די ניט=טעגלעכע יידישע פרעסע אין ווילנע—דעם מאָנאַטלעכן זשורנאַל „די יודישע וועלט" דעם צווייוועכנטלעכן קינדער=זשורנאַל „גרינינקע ביימעלאַך" און „די וואָך".

## „די יודישע וועלט"

איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1912 אין פעטערבורג און איז אַרויס דאָרט אונטער דער נאָענטסטער מיטאַרבעט פון ש. גינזבורג, ש. דובנאָוו, י. עפרען און י. צינבערג. אַרום דער „יודישער וועלט" האָבן זיך גרופירט כמעט אַלע בעסטע פאָרשטייער פון אונזער ליטעראַטור און געזעלשאַפטלעכקייט מיט דער ערנסטער כוונה אויפצובויען אַן ערנסטע טריבונע פאַר דער שיינער יידישער ליטעראַטור און פאַר פובליציסטיק. פון דער פעטערבורגער „אידישער וועלט" זיינען אַרויס סך=הכל 6 נומערן, פון זיי איז נומער 3 קאָנפיסקירט געוואָרן (איבער בן=אדירס אַ שאַרפן אַרטיקל וועגן דער טיראַנישער פאָליטיק פון דער רוסישער זעלבסטהערשאַפט בנוגע דער יידישער נאַציאָנאַליטעט) און זיין גאַנצער אינהאַלט אַחוץ בן=אדירס אַרטיקל איז אַריין אין 4=טן נומער. אין די דאָזיקע פאַקטישע 5 נומערן זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ ריי קינסטלערישע, וויסנשאַפטלעכע און פובליציסטישע אַרבעטן פון אונזערע בעסטע שריפטשטעלער, ווי אויך רעפראָדוקציעס פון בילדער און פאָרטרעטן אין יעדן נומער.

„די אידישע וועלט" האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף דער יידישער אינטעליגענץ. אָבער פעטערבורג איז געווען צו ווייט פון די עכטע יידישע צענטערס, און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אונטערהאַנדלונגען וועגן אַריבערטראָגן דעם זשורנאַל אין יידישן תּחום. פרעטענדירט אויף אַרויסגעבן דעם זשורנאַל האָבן די וואַרשעווער פאַרלאַגס=געזעלשאַפט „צענטראַל" און דער נאָר וואָס געגרינדעטער ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין. אַזוי ווי קלעצקינס פאַרלאַג איז געגרינדעט געוואָרן דאַן (אַדאַנק א. ווייטער) מיט זייער דערהויבענע צוועקן פון נאַציאָנאַל=גייסטיקן רענעסאַנס, איז „די אידישע וועלט" פון די פעטערבורגער אַרויסגעבער איבערגעפירט געוואָרן קיין ירושלים דליטא.

פון יאַנואַר 1913 האָט דער זשורנאַל אָנגעהויבן אַרויסצוגיין אונטערן נאָמען „די יודישע וועלט" רעגולער אַלע חודש אין אַ מיטעלן פאָרמאַט צו 9½—10 בויגן אין יעדן ביכל לויט דער זעלביקער פראָגראַם, און מיט דער באַטייליקונג פון דיזעלביקע מיטאַרבעטער. אַבאָנעמענטס=פרייז פאַר רוסלאַנד: אַ יאָר—4 רובל, אַ האַלביאָר—2 ר׳, אַ פערטל יאָר—1 ר׳, איינציקע נומערן צו 40 קאָפ. פאַר רעדאַקטאָר=אַרויסגעבער איז געווען אונטערגעשריבן ב. א. קלעצקין. פאַר אינעווייניקסטן רעדאַקטאָר איז איינגעלאַדן געוואָרן ש. ניגער, פאַר טעכנישן אויספירער—דער היסטאָריקער=פילאָלאָג ז. קאַלמאַנאָוויטש, פאַר פירער פון אַלע ענינים פון זשורנאַל—נחום שטיף (בעל=דמיון).

אין משך פון יאָר 1913 זיינען אַרויסגעגאַנגען 12 ביכער פונם זשורנאַל, וואו ס'זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן ווערק און אַרטיקלען פון פרץ, אַש, נאָמבערג, בערגעלסאָן, מענדעלע=מוכר=ספרים, ווייסענבערג, מ. י. בערדיטשעווסקי, אורי=ניסן גנעסין, א. ראובני, ז. י. אנכי, יונה ראָזענפעלד, ד. איגנאַטאָוו, מ. א. בייגעל, ד. קאַזאַנסקי, פרץ הירשביין, אָסקאַר ואַיילד, (איבערזעצט פון ס. דינגאָל), נסתּר, דוד איינהאָרן, נ. אַייזין, ש. אימבער, מ. טייטש, ד. מאַרשאַק, יהואש, לייב יפה, לייב ניידוס, יהודה קרני, יעקב פיכמאַן, אלישע ראָדין, ה. רויזנבלאַט, אברהם רייזען, אשר שוואַרצמאַן, ז. שניאור, שעלי (איבערזעצט פון ש. הורוויטש), ש. ניגער, בעל=מחשבות, בעל=דמיון, בן=אדיר, מאַרטין בובער, ב. באָראָכאָוו, ד"ר נתן בירנבוים, בערטאָלדי, ב. גאָרין, ד"ר א. גורלאַנד, ש. גינצבורג, א. מ. דיק, ד"ר ר. זעליגמאַן, ק. זשיטומירסקי, ד"ר ח. ד. הורוויץ, ד"ר א. ווירשובסקי, א. יוד, מ. א. כּץ, א. ליטווין, אַנאַ ליפשיץ, ס. דינגאָל, י. לעווין, יעקב לעשצינסקי, ד"ר א. מוקדוני, ראובן מיצקון, אַנטאָן נאָווינאַ, י. עפרען, י. פאָדרוזשניק, י. צינבערג, ש. ל. ציטראָן, א. קירזשניץ, לעאָ קעניג, ש. ראָזענפעלד, מ. ב. ראַטנער, בנציון רובשטיין, ש. רודניאַנסקי, משה שאַליט.

אַחוץ דעם זיינען נאָך געווען אַרטיקלען אין די אָפטיילונגען פון איבערזיכטן און ביבליאָגראַפיע פון אילוני, אַ. בן=דוד, נ. ג., י. נייפעלד, ד"ר ל. ס. (ל. סגל), ק—ן (קאַלמאַנאָוויטש), א. רוזאָווי.

כמעט יעדער נומער איז געווען רייך אילוסטרירט מיט די ווערק פון די יידישע ערשטקלאַסיקע קינסטלער: יוסף איזראַעלס, נאַאום אַראָנסאָן, שמואל הערשנבערג, א. מ. ליליען, מאַקס ליבערמאַן און הערמאַן שטרוק; אויך פאָטאָגראַפיעס פון יידישע אַלטערטימלעכקייטן און גרויסע פערזענלעכקייטן.

גערויסע אַרטיקלען, אין אָריגינאַל געשריבענע ניט אין יידיש, זיינען איבערזעצט געוואָרן פון כתב־יד דורך א. י. גאָלדשמידט־קאַלמאַנאָוויטש א. אַ.

דער יידישער עולם לעזער האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס צום זשורנאַל, וואָס האָט געוואונען אַ סך ענערגישע פאַרשפּרייטער צווישן דער יידישער יוגנט. דער טיראַזש פונם זשורנאַל איז כסדר געוואַקסן ביז העכער 4000 עקזעמפּלאַרן, — אַן ערשיינונג אַ נאָך ניט געווזענע אינם יידישן זשורנאַל־וועזן. דאָך האָט דער זשורנאַל פאַרענדיקט דעם יאָר מיט אַ געוויסן דעפיציט. דער אַבאָנעמענטס־פּרייז איז אָבער ניט געהעכערט געוואָרן אויך אויפן נייעם יאָר 1914, ווייל דער פאַרלאַג האָט געשטרעבט, דער זשורנאַל זאָל זיך פאַרשפּרייטן צווישן די ברייטערע פאָלקס־שיכטן. די רעדאַקציע האָט אויך באַשלאָסן אויפן נייעם יאָר אָפּצוגעבן מער פּלאַץ פאַר בעלעטריסטיק און פאַר אַלגעמיין־אייראָפּעאישער ליטעראַטור און קולטור־פראַגן.

די אַדמיניסטראַציע און די רעדאַקציע האָבן געהאַט בדעה צו פאַרגרעסערן דעם פאָרמאַט און אַוועקשטעלן די „יודישע וועלט" אויף דער מדרגה פון די גרעסטע אייראָפּעאישע זשורנאַלן, ווי נאָר דער טיראַזש פון זשורנאַל וועט ווערן אַזוי הויך, אַז ער וועט דעקן זיינע הוצאות. מיט ליכטיקע האָפענונגען איז דער פאַרלאַג אַריינגעטראָטן אין יאָר 1914, אָבער די האָפענונגען זיינען ניט מקוים געוואָרן. די מלחמה האָט איבערגעריסן די פרוכטבאַרע טעטיקייט פונם „ווילנער פאַרלאַג" און נאָכן זעקסטן נומער האָט זיך דער זשורנאַל אָפּגעשטעלט.

פון אָנהייב האָט מען געמיינט, אַז די מלחמה „קען זיך ניט פאַרציען, און מ׳האָט געוואַרט, אַז אָט־אָט וועט זי זיך ענדיקן און מ׳וועט צוריק צוטרעטן צו דער איבערגעריסענער קולטור־טעטיקייט. באַלד אָבער האָט מען זיך גענומען איבערצייגן, אַז די מלחמה ווערט גאָר ביסלעכווייז די נאָרמע פון לעבן, אַז ביז צו שלום איז נאָך ווייט, אפשר זייער ווייט, און מ׳האָט זיך גענומען צוגעוויינען און צופּאַסן זיך צו אָט דער „נייער נאָרמע פון לעבן". מ׳האָט באַשלאָסן אָנצושטרענגען אַלע כוחות, כדי גובר צו זיין אַלע מניעות, וואָס די מלחמה האָט געשאַפן פאַר דער פּרעסע, דערהויפּט פאַר דער יידישער, און סוף־כל־סוף איז געלונגען צו באַנייען די פאַרלעגערישע טעטיקייט ביי די נייע תּנאים פון לעבן. אין אָקטאָבער האָט מען אָנגעהויבן דרוקן דאָס זיבעטע בוך פונם זשורנאַל, אָבער מחמת טעכנישע און צענזורישע סיבות האָט דאָס בוך פאַרשפּעטיקט און איז אַרויס אין דער גרייס סך־הכל פון זיבן בויגן אָנשטאָט צען. דאָס ביכל האָט שטאַרק געליטן פון דער מיליטערישער און פּאָליציייאישער צענזור. אין די אומשולדיקסטע זאַכן, אפילו אין ליבע־לידער, אין דערציילונגען פון אַמאָליקן לעבן, האָבן די צענזאָרן אַיינגעזען עפּעס באַהאַלטענע הינטער־געדאַנקען, חשודיקע סודות און רמזים, פאַרשפּירירטע ידיעות פאַרן דייטש... אַרטיקלען וועגן לעבעדיקע צייט־פראַגן זיינען לגמרי פאַרשטרייכט געוואָרן מיטן רויטן בלייפעדער, גאַנצע אַרטיקלען זיינען לחלוטין אַרויסגעוואָרפן געוואָרן. אפילו פון די כשרסטע בעלעטריסטישע זאַכן און וויסנשאַפטלעכע און פּובליציסטישע אַרטיקלען זיינען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן גאַנצע שטיקער, גאַנצע שורות און איינצלנע ווערטער אפילו אין מיטן זאַץ, אַזוי אַז ס׳איז ס׳רוב קיין שום פאַרבינדונג ניט געווען צווישן די פאַרבליבענע שטיקער און זאַצן, און די עצם זאַצן זיינען געבליבן אומפאַרשטענדלעך. די בלויזן און בלויזלעך האָבן פּשוט געשניטן אין האַרצן. און נאָך שאַרפער איז דער ווייטאָג געווען, וואָס דער זשורנאַל איז געווען לחלוטין רוסיש־פּאַטריאָטיש. פּונקט ווי אין די צייטן פון דער נאַפּאָלעאָנישער מלחמה איז ר ב י ש נ י א ו ר־ז ל מ ן ל י ו ב אַ ו ו י ט ש ע ר, צוזאַמען מיט די איבעריקע גדולי ישראל, אַרויס מיט אַ פלאַמענדיקן קול־קורא, אַז בשום אופן וענין



זאָל קיין ייד קיינמאָל זיך ניט דערוועגן כאָטש מיט עפּעס באַהילפיק צו זיין דעם שונא, וואָס וועט ברענגען שמד און אונטערגאַנג פון פאָלק, נאָר זאָל, פאַרקערט, מיט אַלע כוחות העלפן דער פאָטערלענדישער אַרמיי, אַזוי האָט אויך די יידישע פּרעסע איצט אויפגעקלערט די יידישע מאַסן דעם פּועל־יוצא פונם דייטשס נצחון, וואָס וועט ברענגען עקאָנאָמישן חורבן, דעמאָראַליזאַציע און אַסימילאַציע פון די ברייטסטע פאָלקסמאַסן, נאַציאָנאַלן אונטערגאַנג. די צענזור האָט אָבער דערויף ניט געקוקט, זי האָט געוואָרגן די יידישע פּרעסע מיט דער אכזריות פונם ערגסטן תּליון. אין נאָוועמבער און דעצעמבער זיינען קיין ביכלעך ניט אַרויס, אָבער די אַדמיניסטראַציע און די רעדאַקציע האָבן אָנגענומען אַלע מיטלען צו זיכערן דעם מאַטעריעלן קיום פון דער „יודישער וועלט" אין יאָר 1915 און האָבן געהאָפט, אַז להכעיס אַלע מניעות וועט זי דאָך אַרויסגיין צו דער צייט רעגולער.

אין די זיבן נומערן פאַרן יאָר 1914 האָבן זיך אַחוץ די מיטאַרבעטער פון ערשטן יאָרגאַנג זיך באַטייליקט אַ ריי נייע, ווי י. גראָפּער, מיכל דאַווידזאָן, פּאָל ווערלען (איבערזעצט פון לייב ניידוס), אריה־לייב יפה, יודל יפה, אהרן צייטלין, ב. שאַפּיר, י. י. שוואַרץ, שלום־עליכם, באַזין, ל. בלומענפעלד, דוד האָכבערג, מאַקס וויינרייך, ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, ס. טשערקאַסענקאָ, ח. ליבערמאַן, נחמן מייזיל, יעקב מילך, מ. נאָכימסאָן, ד״ר ק. פאַרנבערג, מ. קריינין, נתן שוואַלבע, שמעוני, ד״ר א. שערעשעווסקי א. אַנד.

אין יאָר 1915 זיינען פון דער „יודישער וועלט" אַרויס 4 ביכער;

אין די ערשטע 3 האָבן זיך אַחוץ די פריערדיקע מיטאַרבעטער באַטייליקט ל. קאָברין, צבי הירשקאַן און אַנדערע. דאָס פערטע בוך, אַ טאָפּלטס, פאַר די חדשים אַפּריל און מאַי איז געווען אינגאַנצן געווידמעט דעם אָנדענק פון י. ל. פּרץ. איניקע אַרטיקלען וועגן דעם פאַרשטאָרבענעם גרויסן דיכטער זיינען אויסגעמעקט געוואָרן דורך דער צענזור. אין יולי איז „די יודישע וועלט" צוזאַמען מיט דער גאַנצער יידישער פּרעסע פאַרמאַכט געוואָרן אויף אַלע מאָל. אַזוי איז אונטערגעגאַנגען ד ע ר ש ע נ ס ט ע ר פון די זשורנאַלן, וואָס מיר האָבן ווען עס איז געהאַט אין יידיש.

---

### „ג ר י נ י נ ק ע ב י י מ ע ל אַ ך",

אַ צווייוועכנטלעכער אילוסטרירטער זשורנאַל פאַר קינדער פון יינגסטן און מיטעלן עלטער. — דער זשורנאַל האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין אין „ווילנער פאַרלאַג" פון ב. א. קלעצקין, אין פעברואַר 1914. פאַר רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער איז געווען אונטערגעשריבן ב. א. קלעצקין, אינעווייניקסטער רעדאַקטאָר איז געווען פּ. היילפּערין.

אַבאָנעמענטס־פּרייז איז געווען: פאַר רוסלאַנד: אַ יאָר 2 רובל, אַ האַלביאָר 1 רובל; פאַר אויסלאַנד: אַ יאָר 2,50 ר׳, אַ האַלב יאָר 1,25 ר׳; איינצלנע העפטן 10 קאָפּ.

דורכשניטלעך איז אַ האַלבער נומער שטענדיק געדרוקט געווען מיט גרעסערער שריפט פאַר די יינגערע קינדער און די אַנדער העלפט — מיט געוויינלעכער שריפט פאַר די מיטעלע און עלטערע קינדער. אויך דער עצם אינהאַלט פון די געדרוקטע זאַכן איז געווען איינגעטיילט בהסכּם מיטן עלטער פון די קינדער.

דער זשורנאַל איז באמת באַליבט געוואָרן ביי די קינדער און די קריטיק האָט זיך אָ[illegible]פּן וועגן אים מיט אַ האַרציקער התפּעלות.

די „גרינינקע בוימעלאַך" האָבן דערגרייכט אַ טיראַזש פון 4000 אַבאָנענטן.

און אָט דער דאָזיקער ערשטער און שענסטער קינדער־זשורנאַל אין יידיש האָט מיטן אויסבראָך פון דער מלחמה אין יולי 1914 זיך אָפּגעשטעלט אויפן 10 נומער און האָט ניט געקאָנט ערשיינען אין משך פון פיר חדשים. אין דעצעמבער זיינען ערשינען די נומערן 11 און 12, אַזוי אַז אַנשטאָט 24 נומערן אין יאָר 1914 האָט דער „ווילנער פאַרלאַג" געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצוגעבן בלויז אַ העלפט דערפון. רעכענענדיק זיך מיט דער שווערער לאַגע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך די מלחמה־געשעענישן, האָבן די רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע „גרינינקע בוימעלאַך" אָנגענומען אַלע מיטלען צו זיכערן דעם מאַטעריעלן קיום פונם זשורנאַל אין משך פונם יאָר 1915. דאָס איז געלונגען צו טאָן אַדאַנק דער איבערגעגעבנקייט און שטיצע פון אייניקע געזעלשאַפטלעכע קרייזן. דער פרייז איז נאָר עטוואָס געהעכערט געוואָרן: 2 רובל מיט 40 קאָפּ. אַנשטאָט 2 ר׳ אַ יאָר. און מ׳האָט געהאָפט, אַז דער קינדער־זשורנאַל וועט שוין אַרויסגיין רעגולער. אָבער די בייזע גזירה פון ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש אויף דער יידישער פרעסע האָט אונטערגעהאַקט אויך די „גרינינקע בוימעלאַך" נאָכדעם ווי עס זיינען אַרויס פון זיי צען נומערן אין יאָר 1915, סך־הכל 22 נומערן צוזאַמען מיט די צוועלף נומערן פון יאָר 1914.

---

## „די וואָך"

אַ געזעלשאַפטלעך, עקאָנאָמיש און ליטעראַריש וואָכנבלאַט. אַבאָנעמענטס־פרייז: 3 רובל אַ יאָר, 1,50 ר. אַ האַלב יאָר, 75 ק. אַ פערטל יאָר, איינצל־פאַרקויף 6. קאָפּ. אין ווילנע, 7 קאָפּ. אין אַנדערע שטעט. שפּעטער עטוואָס געהעכערט.—די דאָזיקע וואָכנשריפט איז געווען אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג פון ש. ניגער, ז. קאַלמאַנאָוויטש און נחום שטיף, וועלכע האָבן געשטרעבט צו שאַפן אַן אָרגאַן, וואָס זאָל שטיין אויף דער וואַך פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, פאַר וועלכער עס האָבן זיך אין יענע פינסטערע טעג געשטעלט אומגעהייער וויכטיקע און פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבן. „די וואָך" האָט אָנגעהויבן צו ערשיינען דעם 8/21 יאַנואַר 1915 אין גרויסן זשורנאַל־פאָרמאַט (לכתחילה 16 זייטן, פון נומער 6 אָן 24 זייטן), ביז זי איז פאַרמאַכט געוואָרן אינם חושכדיקן יולי אויפן 24־סטן נומער אירן.

„די וואָך" האָט זיך באַמיט צו געבן צו פאַרשטיין דעם יידישן לעזער דעם זין פון די גרויסע וועלט־געשעענישן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט אָפּגעשפּיגלט פאַר אַלעמענס אויגן. איין טייל אַרטיקלען האָבן אין אַ קלאָרער פּשוטער שפּראַך באַשריבן און דערקלערט די וויכטיקסטע פאַקטן און פאַרקומענישן פון דער מלחמה־וואָך, און אַן אַנדער טייל אַרטיקלען, קורץ געפאַסטע און פּאָפּולערע, האָבן באַלויכטן די היסטאָרישע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און טעכנישע פראַגן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו דער מלחמה און צו די לענדער און פעלקער, וואָס האָבן זיך אין איר באַטייליקט. זייער ערנסט איז באַהאַנדלט געוואָרן די נאַציאָנאַלע פראַגע, וואָס איז אַדאַנק די גרויסע פּאָליטישע געשעענישן געוואָרן גאָר באַזונדערס וויכטיק. דאָס וואָכנבלאַט האָט געוועקט דעם אינטערעס צו דער קולטור־אַרבעט, וואָס איז בעת דער מלחמה פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן; האָט אינפאָרמירט דעם יידישן לעזער וועגן אַלע ענינים פון דער יידישער קאָאָפּעראַציע, וואָס האָט אַלע מאָל געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אינם יידישן געזעלשאַפטלעכן און עקאָנאָמישן לעבן, און באַזונדערס אין דער צייט פונם מלחמה־קריזיס. ס׳זיינען געבראַכט געוואָרן זייער אַ סך אַרטיקלען און ידיעות וועגן דער אַרבעטסלאָזיקייט, וואָס איז דאַן געווען די אַקטועלסטע און שווערסטע פראַגע פונם אַרבעטער־לעבן, און וועגן דעם געראַנגל קעגן איר. זייער הייס האָט זיך „די וואָך" אָפּגערופן אויף די ליידן, פּיין און אומגליקן פון די מגורשים, פון די היימלאָזע. זי האָט געגעבן אַ סך און גענויע באַריכטן און איבערבליקן איבער אַלע יידישע געזעלשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע הילפס־אָרגאַניזאַציעס. אין סקיצן, נאָוועלן, בילדער און לידער איז געשילדערט געוואָרן דאָס יידישע לעבן און ליידן בעת דער מלחמה, בכלל, און דאָס לעבן פונם יידישן סאָלדאַט, ווי אויך דער אָנטייל פון יידן אין דער מלחמה, בפרט. אַחוץ דעם רעצענזיעס, ליטעראַרישע נייס, נאָטיצן, אַ זייער רייכע כראָניק פון יידישן לעבן בכלל און די היימלאָזע בפרט.

באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע מאָסן שאַרפע, פלאַמענדיקע און ערנסטע אַרטיקלען נחום שטיף (נ. ש., בעל־דמיון, ב. ד—ן), וואָס האָט זיך אָפּגערופן אויף די אָנגעווייטאָגטע פראַגן פונם טראַגישן יידישן לעבן. יעדער אַרטיקל זיינער האָט איבערצייגט, אַז עס בלוטיקט טיף דאָס ציטער־פלאַטערדיק וואַרים האַרץ פונם מחבר אויפן טרויעריקן גורל פון זיין צעמורשטן פאָלק. דאָס האָבן גוט געשפּירט אויך די צענזאָרן, דער יידישער (לוריע), ווי אויך דער מיליטערישער, און זיי האָבן אים געפּייניקט מיטן רויטן בלייפעדער, ווי עכטע אינקוויזיטאָרן. געליטן פון דער צענזור האָבן די אַרטיקלען כמעט פון אַלע מיטאַרבעטער פון דער „וואָך", אָבער מער פון אַלעמען האָבן געליטן די אַרטיקלען פון בעל־דמיון. זיי זיינען אַלעמאָל אַרויסגעגאַנגען פון צענזור בשן ועין, פאַרקריפּלטע, צעמזיקטע און גאַנץ אָפט זיינען זיי לגמרי אַרויסגעוואָרפן געוואָרן. גאַנצע בלעטער בלויזן האָבן עדות געזאָגט אויף זייער חורבן. בכלל האָט קיין שום יידישער אָרגאַן, ניט פאַר דער „וואָך" ניט נאָך איר, ניט געליטן אַזוי פיל פון דער צענזור, ווי זי. עס פלעגט בלייבן בלויז דאָס קעפּל און די אונטערשריפט, און אָפט אפילו דאָס אויך ניט. און דאָס אַלץ ניט געקוקט דערויף, וואָס דער גאַנצער טאָן פונם זשורנאַל איז געווען אַ רוסיש־פּאַטריאָטישער!

אַ שרעק פלעגט פּשוט אָנכאַפּן עס זעענדיק. אַ קאָלאָסאַלע מאַסע וויכטיקע ידיעות און מאַטעריאַלן פון יענער צייט איז לגמרי פאַרלאָרן געגאַנגען פאַרן צוקינפטיקן יידישן היסטאָריקער פון דער דאָזיקער מלחמה־תקופה.—געשריבן האָט נ. שטיף אין דער „וואָך" זייער אַ סך.

העכסט אָריגינעל און מיט אַ ווייטער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו איז געווען ש. ניגער אין זיין גרויסער סעריע אַרטיקלען אונטערן אַלגעמיינעם קעפּל: „די מלחמה—און מיר, יידן" (נ״נ 1, 3, 4, 5, 6, 7, 8); מיר טאָרן זיך ניט לאָזן באַהערשן פונם געפיל, דערוויזט דאָרט ניגער, ווייל „דאָס געפיל ציט זיין זאַפט פון דער רגע", מ׳מוז האָבן אין זינען דעם *צענטער* פון יידישן פאָלק, וואָס מוז ווערן אַלץ גרעסער צוליבן קיום פונם גאַנצן פאָלק. דער דאָזיקער צענטער איז דער גרויסער יידישער קיבוץ אין רוסלאַנד. אַ מפּלה פון רוסלאַנד וואָלט גורם געווען די „צעטיילונג און צעברעקלונג פונם גרויסן יידישן קיבוץ אין רוסלאַנד און דאָס וואָלט געווען צוגלייך אַ צעטיילונג און אַ כּיזור פון דער יידישער נאַציאָנאַלער ענערגיע, און פאַרקערט, יעדע פאַרמערונג פון אָט דעם קיבוץ איז אַ פאַרמערונג און אַ קאָנצענטרירונג פון די נאַציאָנאַל־קולטורעלע כוחות פון דעם יידישן פאָלק". דאָס איז פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער זייט. דאָס אייגענע איז אויך פון דער עקאָנאָמישער זייט. ליטע איז געווען דער גייסטיקער צענטער פון יידנטום אין רוסלאַנד, פוילן איז געוואָרן זיין עקאָנאָמישער צענטער. אַ צעטיילונג וואָלט געבראַכט אַן עקאָנאָמישן און גייסטיקן חורבן פאַרן יידנטום. דער אויספיר: „די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון די יידן איז פונקט ווי די

נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַנטוויקלונג פאַרבונדן מיטן נצחון פון רוסלאַנד". און נאָכמער: דאָס אָפּנעמען גאַליציע פון עסטרייך וואָלט נאָך פאַרגרעסערן דעם יידישן קיבוץ אויף קרוב אַ מיליאָן און וואָלט ממילא פאַרגרעסערן און פאַרשטאַרקערן זיין עקאָנאָמישן, נאַציאָנאַל־קולטורעלן און פּאָליטישן כּוח. און מנצח וועט זיין דער פּראָגרעס הן אויפן עקאָנאָמישן הן אויפן קולטורעלן געביט, — בכן דאַרפן מיר פאַרבינדן זיך מיט די פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון לאַנד. מיר דאַרפן זיין פאַראינטערעסירט אינם נצחון פון רוסלאַנד און אירע בעלי־ברית איבער די צענטראַלע מלוכות.

ניט געקוקט אָבער אויפן טיפן פּאַטריאָטיזם פון ניגערן, האָט די צענזור אויך זיינע אַרטיקלען לחלוטין ניט געשאַנעוועט, האָט זיי ניט ווייניק צעשעדיקט און דעם זיבעטן אַרטיקל פון דער סעריע („פּערספּעקטיוון") אינגאַנצן אַרויסגעוואָרפן. דאָס האָט שוין געגרעניצט מיט ווילדער משוגעת.

אַחוץ דעם האָט ניגער געגעבן אַ סך נאָטיצן וועגן פאַרשיידענע פראַגן פון יידישן לעבן, דערין אַ הייסן אַרטיקל וועגן י. ל. פרץ, וואָס איז נפטר געוואָרן שבת י"ט ניסן תרע"ה, דעם דריטן טאָג חול המועד פּסח (נ' 12, וואָס איז געווען געווידמעט פּרצן).

אַ סך האָט געאַרבעט אין דער „וואָך" ז. קאַלמאַנאָוויטש, (ק—ן, קוף, ק.). אַגב איז ער געווען אונטערגעשריבן פאַר רעד. קטאָר־אַרויסגעבער.

אויסער די דאָזיקע דריי מיטגלידער פון דער רעדאַקציע, האָבן זיך אין דער „וואָך" באַטייליקט: מ. באַזין, בערטאָלדי, בעל־מחשבות, ד. בערגעלסאָן, וו. גראָסמאַן, נ. גאָרעליק, א. י. גאָלדשמידט, ח. גילדין, י. דאָברושין, ד. האָכבערג, פּ. היילפּערן, ד. טשאַרני, יודל יפה, א. ל. יפה, ליפּמאַן לעווין, נח לוריע, יעקב לעשטשינסקי, ח. לייבאָוויטש, ד"ר א. מוקדוני, ה. ד. נאָמבערג, י. נירנבערג, י. סאָסיס, ד"ר ל. סגל, ד. סלוצקי, י. עפּרען, ד. קאַפּלאַנאָוויטש, אוריה קאַצענעלענבויגן, עזרא קארמאַן, א. קירזשניץ, ד"ר צ. שאַבאַד, נ. שוואַלבע א. אַנד.

די 24 נומערן „די וואָך" זיינען אַן אוצר פאַר דער געשיכטע פון יידישן לעבן, קעמפן און ליידן פאַרן 1־טן האַלבן יאָר פון 1915.

ווען מ'זאָל נאָך דערמאָנען די „פּ ר י ל י נ ג ס ־ ק ו ו י י ט ע ן", אַ ליטעראַרישע זאַמלונג לכבוד פּסח (אויסגאַבע „יוגנט", ווילנע תרע"ה, פּרייז 8 קאָפּ.), וועלן מיר האָבן אויסגערעכנט אַלע פּעריאָדישע אויסגאַבן, וואָס זיינען אַרויס אין ווילנע בשעת דער מלחמה ביז דער דייטשער אָקופּאַציע.

## II. טעגלעכע צייטונגען אין ווילנע בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע.

(18 סעפּטעמבער 1915—31 דעצעמבער 1918).

נאָכדעם ווי אין יולי איז פאַרמאַכט געוואָרן די גאַנצע העבּרעאישע און יידישע פּרעסע, האָט זיך אָנגעהויבן אַ ביז גאָר פינסטערע צייט פאַר די יידן אין רוסלאַנד בכלל און אין די מלחמה־געביטן בפרט, אַ וואַקכאַנאַליע פון בייזע רדיפות, גירושים און שענדלעכסטע באַליידיקונגען, פאַרגוואַלטיקונגען און תליות און דאָס אונטערדריקטסטע פון די פעלקער האָט קיין רעכט ניט געהאַט אפילו צו שרייען פון יסורים... אַזוי האָט עס זיך געצויגן חדשים לאַנג. מיטאַמאָל האָט עמיצער דורכגעטראָגן אַ קלאַנג, אַז אין דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן אָנגעהויבן כלומרשט פריי אַרויסצוגיין יידישע צייטונגען, און אפילו יידישע אַרבעטער־צייטונגען. די דאָזיקע „ידיעה", פּונקט ווי אַ סך אַנדערע בלאָפערישע ידיעות וועגן דעם דאָרטיקן זול אויף לעבנסמיטלען, איז געווען געדרוקט אין דעם ווילנער רוסישן בלעטל „נאַשאַ קאָפּייקאַ", און עס האָט געווירקט אויף דער פאַנטאַזיע ווי אַן אָנצינדנדיקער פונק האָפענונג... מ'האָט בתמימות געגלויבט, אַז תיכף „ווי דער דייטש וועט אַריין", וועט זיך אָנהייבן אַ קולטורעלע מעגלעכקייט בכלל און אַ מעגלעכקייט פון אַ פרייער פּרעסע בפרט... זיינען דאָך די דייטשן אַ קולטורעל פאָלק, האָבן דאָך אין דייטשלאַנד אַ קיום סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און אַ סאָציאַליסטישע פּרעסע — אפילו אין משך פון דער מלחמה!...



אָבער פון די דאָזיקע אַלע שיינע האָפענונגען האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך...

נאָך דער גרויסער עוואַקואַציע פון ווילנע, נאָכדעם ווי פון ווילנע זיינען אַוועק מיט די רוסן אַן ערך 70 ט ו י ז נ ט יידן און כמעט די גאַנצע יידישע אינטעליגענץ, איז דאָ נאָך דאָך פאַרבליבן קרוב 50 ט ו י ז נ ט יידישע נפשות און אַ ביסל אינטעליגענץ, עטלעכע כּלל־טוער און עטלעכע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן. דאָ זיינען אויך פאַרבליבן אַ פּאָר געקומענע זשורנאַליסטן: י ו ס ף א י ז ב י צ ק י — פון פּעטערבורג און ז ל מ ן ר י י ז ע ן — פון וואַרשע—מינסק, און מ'האָט תיכף זיך גענומען ענערגיש אַרבעטן אויפצולעבן די אָפּגעטויטע יידישע פּרעסע. דער ווילנער קאָמיטעט פון „בונד" האָט אויפן זעלביקן אָוונט פון 13 סעפּטעמבער צונויפגערופן אַ רעדאַקציאָנעלע באַראַטונג וועגן גרינדן אַ פּאַרטייאישן אָרגאַן. אינם ישוב־הדעת האָבן זיך באַטייליקט די חברים: יוסף איזביצקי (געוועזענער רעדאַקטאָר פון די אַרבעטער־צייטונגען „צייט" און „אונזער צייט"), אליהו־יעקב גאָלדשמידט, ניסן פּופּס, גרשון פּלודערמאַכער, יוסף ציפּקין און יהושע קאָשעווניק. די צייטונג האָט געזאָלט הייסן „אונזער שטימע". מ'האָט געהאַט בדעה צו אַרבעטן אַ גאַנצע נאַכט און אויף מאָרגן שוין אַרויסצולאָזן דעם ערשטן נומער. אָבער נאָך אַ לאַנגן חילוקי־דעות האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַ סך טעכנישע מניעות. אויף מאָרגן איז געקומען אַן אומקלאָרע ידיעה, אַז מ'דאַרף זיך נאָך בכלל אָפּהאַלטן מיט אַרויסלאָזן וואָסערע־ניט־איז צייטונגען. באַלד האָט מען באַקומען שוין אַ קלערערע ידיעה, אַז מחמת ס'זיינען נאָך ניטאָ קיין געהעריקע צענזאָרס פאַר די פאַרשיידענע שפּראַכן פון דעם קאַנט, קענען נאָך „לעת עתה" נ י ט ע ר ל ו י ב ט ווערן קיין צייטונגען פאַר די פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. און נאָכמער: אפילו דאַן, ווען ס'וועלן שוין זיין די געהעריקע צענזאָרן, וועט אויך די פּרעסע אינם אָקופּירטן קאַנט זיין זייער שטאַרק באַגרעניצט: יעדע נאַציאָנאַליטעט וועט האָבן רעכט בלויז אויף א י י ן צייטונג, און דאָס — ניט אַנדערש ווי צוזאַמען מיטן דייטשן טעקסט, למשל, פּויליש און דייטש, ליטוויש און דייטש, יידיש און דייטש א. אַ. וו. דער צוועק איז געווען קלאָר — גערמאַניזירונג.

די דעמאָקראַטישע אינטעליגענץ האָט געהאַט בדעה אַרויסצוגעבן אַן אַלגעמיין־יידישע צייטונג „אונזער צייט" ביי דער מיטאַרבעט פון ש. ל. ציטראָן, דן קאַפּלאַנאָוויטש, זלמן רייזען און משה שאַליט.

און אַלע האָבן געהאַכט. מ'האָט באַשלאָסן אויפצוטראָגן זיך מיט די פאָרשטייער פון די היגע נאַציאָנאַליטעטן, בכדי אַלע זאָלן אין דעם ענין האַנדלען אין קאָנטאַקט. באַזונדערס איז מען אויפגערקזאַם געוואָרן אויף די ליטווינער און ווייסרוסן, ווייל וועגן די פּאָליאַקן האָבן גענומען גיין קלאַנגען, אַז זיי אַרבעטן סעפּאַראַט און זיינען אַריין אין נאָענטע באַציאונגען מיט די אָקופּאַנטן, וואָס האָבן אין זייער ערשטער פּראָקלאַמאַציע „צו דער שטאָט ווילנע" אָנגערופן ווילנע „פּוילישע" שטאָט און

„אַ פערל אין דער קרוין פון קיניגרייך פוילן". דאָך איז געלונגען צוצוציען די דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע פוילישע עלעמענטן און ס'איז סוף־כל־סוף אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ בשותפותדיקע באַראַטונג פון פאָרשטייער פון דער פרעסע פון אַלע היגע נאַציאָנאַליטעטן. אַלע האָבן גערעדט אויף די שפּראַכן, אויף וועלכע זיי האָבן געוואָלט, און ס'האָט זיך אין יענעם מאָמענט געפילט אַ מין אינטערנאַציאָנאַלע אחדות און פריינדלעכקייט. די אַלגעמיינע צרה האָט אַלעמען אַזוי ווי פאַרברידערט. נאָך לאַנגע און הייסע וויכּוחים איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס אַוועקצושיקן צום אָבערבעפעלסהאַבער אָסט גענעראַל פאָן הינדענבורג: 1) אַ קאָלעקטיווע השתדלות פון אַלע היגע נאַציאָנאַליטעטן וועגן אַן ערלויבעניש פאַר איטלעכער פון זיי אַרויסצוגעבן צייטונגען בלויז אויף די מוטערשפּראַכן אָן דעם דייטשן טעקסט, מחמת דאָס איז פאַרבונדן מיט זייער גרויסע טעכנישע און מאַטעריעלע מניעות און אומבאַקוועמלעכקייטן, און 2) אויך ספּעציעלע השתדלותן פון איטלעכער נאַציאָנאַלער אָדער רעדאַקציאָנעלער גרופּע באַזונדער.

מ'האָט אַזוי געטאָן און גענומען וואַרטן. מ'האָט לאַנג געוואַרט, אָבער מ'האָט זיך ניט דערוואַרט קיין שום ענטפער. מ'האָט זיך דערוואוסט, אַז פאַרשיידענע פאַרשוינען, באַוואָפנט מיט — איין גאָט ווייס ווי אַזוי — באַקומענע פּראָטעקציעס, זיינען זיך משתדל ביי דער דייטשער מאַכט וועגן סעפּאַראַטע, מאָנאָפּאָלישע קאָנצעסיעס אויף צייטונגען. אַזוי האָבן זיך באַלד באַוויזן צייטונגען אויף פּויליש, ווייסרוסיש און ליטוויש, אויך אַ בלעטל אויף יידיש מיטן נאָמען:

„פ ל ו ג ־ ב ל אַ ט".

ערשיינט יעדן טאָג. ב' 1. ווילנע, מיטוואָך, דעם 13 אָקטאָבער 1915. פּרייז 1 קאָפּ. רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער ה. ש ו ר. פון נומער 25 אָן איז דער פּרייז געהעכערט געוואָרן פון 1 קאָפּ׳ אויף 2 ק. דאָס בלעטל האָט פון אָנהייב געגעבן בלויז די פונקען־טעלעגראַמעס פון דער גרויסער הויפּט־קוואַרטיר און בכלל די וויכטיקסטע דעפּעשן; נאָכדעם האָבן זיך אָנגעהויבן דרוקן אויך די וויכטיקסטע פאַראָרדענונגען פון דער דייטשער מאַכט אין שטאָט. מודעות זיינען געווען זייער זעלטן און זייער ווייניק, אַי דאָס דערהויפּט פון קינאָמאַטאָגראַפן. די שפּראַך, די טערמינאָלאָגיע און די אָרטאָגראַפיע זיינען געווען זייער שלעכט. אַרויסגעגאַנגען זיינען עטוואָס מער ווי הונדערט נומערן. דאָס בלעטל האָט זיך אָפּגעשטעלט נאָכדעם, ווי ס'האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין (30 יאַנואַר 1916 — כ"ו שבט תרע"ו) די טעגלעכע צייטונג

„ל ע צ ט ע נ י י ס".

אונטער דער קאָפּן־שורה איז ניט געווען אָנגעצייכנט, וואָס דאָס איז פאַר אַ צייטונג. אויפן ערשטן פּלאַן איז געשטאַנען מיט גרויסע אותיות דער פּרייז פון נומער: 10 פעניג. פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר ה. ר ו י כ ע ל. דרוקעריי זאַוואַדסקי, בערנאַרדינער 3.

אַרויסגעבער פון דער צייטונג איז געווען פ י י וו ל מ אַ ר ג אָ ל י ן (געוועזענער אַרויסגעבער פון „הזמן", „אידישע צייטונג" און „דער פריינד"), וואָס האָט באַקומען די קאָנצעסיע מיט אַ תנאי פון מאָנאָפּאָל, ד. ה. אַז די „לעצטע נייס" איז די איינציקע יידישע צייטונג אין גאַנץ „אָבעראָסט" (געביט פונם אָבערבעפעלסהאַבער אָסט: קורלאַנד, ליטע און דאָס לאַנד גראָדנע — ביאַליסטאָק). קיין רוסישע צייטונג איז ניט געווען (מ'האָט ניט ערלויבט), קיין פּויליש, ליטוויש און ווייסרוסיש האָט מען נאָך ניט געקענט לייענען, קיין דייטש האָט דער דורכשניטלעכער יידישער לעזער אויך ניט געלייענט, און אפילו די לפי־ערך קליינע צאָל יידישע לעזער פון דייטשע צייטונגען האָבן אין זיי אויך ניט





געפונען זייער גאַנצע באַפרידיקונג. דער יידישער לעזער האָט געפילט אַ שאַרפע באַדערפעניש אין אַ יידישן וואָרט, אין אַ יידישער צייטשריפט, וואָס זאָל וויפיל ניט איז, אויב ניט באַלייכטן, איז כאָטש אינפאָרמירן וועגן יידישע ענינים. די וואַרשעווער יידישע צייטונגען זיינען געווען פאַרווערט אין אָבעראָסט, און אפילו די גאַנץ קורצע צייט, ווען עס פלעגט אָנקומען אַ צייטונג פון וואַרשע אָדער לאָדז, פלעגט זי אויך, נאַטירלעך, ניט קענען באַפרידיקן די באַדערפעניש אין אַן אָרטיקן יידישן פרעסע־אָרגאַן. בכן איז פאַר אַ יידישער צייטונג אין ווילנע געקומען די בעסטע צייט. ביז אַהער האָט זיך אַ ווילנער יידישע צייטונג ניט געקענט לאַנג איינהאַלטן, האָט ניט געקענט קאָנקורירן מיט די וואַרשעווער יידישע צייטונגען, וואָס זיינען ליטעראַריש און אינפאָרמאַטיוו געווען אַוועקגעשטעלט גאַנץ הויך. איצט איז מאַרגאָלינס צייטונג געווען אויסער יעטווידער קאָנקורענץ, און זי האָט זיך גענומען ביסלעכווייז שטאַרקן און פעסטיקן און האָט זיך סוף־כל־סוף באמת באַפעסטיקט אויף דער ווילנער יידישער גאַס, וואָס האָט שוין געלייענט דורכאויס אָדער כמעט דורכאויס יידיש. — הוצאות אויף אַרויסגעבן די צייטונג זיינען אויך ניט געווען גאָט ווייס וואָס פאַר אַ גרויסע. פּאַפּיר, פאַרב און כל המינים אַנדערע ענלעכע דרוק־ און שרייב־מכשירים האָט דער „פאַרלאַג" באַקומען דורך דער פרעסע־שטעלע IV אין ווילנע פאַר גאַנץ ביליגע פרייזן, גאָר ניט אין אַן ערך ביליגער ווי אין די פּריוואַטע קוועלן. די דירה פאַר דער רעדאַקציע, קאָנטאָר און זעצעריי האָט דעמאָלט אויך געקאָסט ניט איבעריקס טייער, דאָסגלייכן אויך די דרוקעריי. די פרעסע־שטעלע האָט גענומען פאַר זיך סך־הכל 10 פּראָצענט פון דער הכנסה. די אַרבעט פון דער זעצעריי, קאָנטאָר און רעדאַקציע האָט געקאָסט שפּאָט־ביליג. הקיצור שבקיצורים: די צייטונג האָט זיך גענומען גוט אַנטוויקלען מאַטעריעל, האָט דערגרייכט אַ טיראַזש פון 7000, צייטנווייז אפילו העכער (נאָכן אָקופּירן מינסק און ריגע), אַ סכום וואָס אַ ווילנער יידישע צייטונג האָט קיינמאָל אפילו חלומען וועגן אים ניט געוואַגט, — און האָט געגעבן, אָן עין הרע, אַ גאַנץ נישקשהדיקן ריווח פון, דאַכט זיך, קרוב אָדער אפשר העכער 60 פּראָצענט.

דער אַרויסגעבער האָט איינגעלאַדן אויף מיטאַרבעט אין דער צייטונג כמעט אַלע יידישע פּראָפעסיאָנעלע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין ווילנע: יוסף איזביצקי, ד"ר אליהו אָלשוואַנגער, א. י. גאָלדשמידט, מלכה (מערי) חיימסאָן (אָנגעהויבן אין „לעבן און וויסענשאַפט"), אייזיק פרידקין (אָנגעהויבן אין „הזמן" און „פריינד" 1914/15), שמואל־לייב ציטראָן, דן קאַפּלאַנאָוויטש, דוד רויכל, זלמן רייזען און משה שאַליט. לייב ניידוס האָט זיך געקליבן אַוועקצופאָרן אַהיים צו זיינע עלטערן אין קוסטין ביי גראָדנע און י. ח. ראָזנבוים האָט זיך ניט אינטערעסירט מיט צייטונגס־אַרבעט. אָבער אפילו פון די איינגעלאַדענע זיינען ניט אַלע פאַרבליבן מיטאַרבעטער פון דער צייטונג: יוסף איזביצקי האָט געוואָלט מסכים זיין בלויז מיטן תנאי, אים זאָל איבערגעגעבן ווערן די רעדאַקטור, און אַז דער אַרויסגעבער איז דערויף ניט איינגעגאַנגען, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון מיטאַרבעט; מ. חיימסאָן האָט ניט מסכים געווען מיט די באַדינגונגען, געאַרבעט ס"ה איין טאָג און אויפגעהערט. דוד רויכעל האָט גענומען „דאָס ערגסטע", וואָס קיינער האָט ניט געוואָלט נעמען: ער האָט זיך אונטערגעשריבן פאַר פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר און האָט דערפאַר באַקומען אַ באַשטימטע שכירות, זייער אַ גרויסע שכירות, — 60 מאַרק אַ חודש, ווי פאַר זייער אַ ריזיקאַלישן ענין. די מעשה איז געווען אָט וואָס: מ'האָט ניט געגלויבט אין דייטשס נצחון, מ'איז געווען איבערצייגט, אַז אָט־אָט קומט דער רוס, און — ווערט זיך געוויס אָפּרעכענען מיט די „בוגדים", וואָס האָבן, לאָז זיין אפילו פון נויט, גענומען

אַ שטעלע אין אַ צייטונג, וואָס איז ערלויבט און „געשטיצט" געוואָרן דורכן דייטש. יעדערער האָט זיך ביי זיך אין האַרצן געוואונדערט אויף דער „דרייסטקייט" פונם אַרויסגעבער און פונם פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר, אָבער יענע „זיינען געווען זיכער", אַז דער רוס וועט שוין אַהער מער קיינמאָל צוריק ניט קומען, און אין ערגסטן פאַל—וועלן זיי אַוועק מיטן דייטש.

די אינעווייניקסטע רעדאַקטור האָט דער אַרויסגעבער לכתחילה געהאַט איבערגעגעבן מ. שאַליטן, וואָס האָט שוין רעדאַקטירט אַמאָל זיינע אַ צייטונג, דעם „פריינד", אָבער נאָכדעם איז דער ענין געענדערט געוואָרן און ס'האָט געזאָלט ווערן אַ קאָלעגיאַלע רעדאַקציע. צום סוף איז אַרויסגעקומען אַ היפך: דאָ האָט דער אַרויסגעבער באַשטימט פאַר אַ רעדאַקטאָר־סטיליזאַטאָר—דעם זעלביקן דוד רויכלען, דאָ—קאַפלאַנאָוויטשן, דאָ—ד״ר אל. אָלשוואַנגערן, דאָ—זיך אַליין, דאָ—ז. רייזענען. בכל אופן האָט זיין גייסט גערוט אויף דער רעדאַקציע און האָט אַ געוויסע צייט געהאַט אַ השפעה אויף דער שפראַך.

ד״ר אָלשוואַנגער האָט באַקומען אַ שטענדיקע שכירות (לפי־ערך אויך אַ גאַנץ קליינע), ווייל ער איז געווען (אַדאַנק זיינע אַלטע באַקאַנטשאַפטן מיט געוויסע דייטשע שררות נאָך פון דייטשלאַנד, וואו ער האָט אַמאָל צוזאַמען מיט זיי יאָרן לאַנג שטודירט) די רעכטע האַנט פון מאַרגאָלינען כלפי דער דייטשער מאַכט, און ווייל בלויז אַדאַנק אים האָט דער דאָזיקער אַרויסגעבער די עצם קאָנצעסיע באַקומען. אַלע איבעריקע מיטאַרבעטער האָבן באַקומען זייער האָנאָראַר—פון שורה. דער פרייז פון אַ איבערזעצטער אָדער „מעובד"־שורה אין „פריינד" איז געווען 69/100 קאָפ., אין „לעצטע נייעס"—אַ גאַנצע קאָפּיקע, ווייל—זי איז דאָ געווען אויף 31/100 גרעסער ווי דאָרטן, אויף אַ היימישן שטייגער גענוי אויסגערעכנט; דער פרייז פון אַן אָריגינעלער שורה—2 קאָפ. דאָס איז אָבער אַלץ גערעדט געווען, אויב די וואַליוטע איז געווען כתיקונה. פלעגט זיך אָבער הייבן די קאָפּיקע (למשל, בעת רוסישע אָפענסיוועס), פלעגט געצאָלט ווערן מיט פעניגס, און פאַרקערט, אַז עס פלעגט זיך הייבן דער פעניג (בעת דייטשע נצחונות), פלעגט געצאָלט ווערן מיט קאָפּיקעס. פלעגן כסדר פאָרקומען סיכסוכים מיטן אַרויסגעבער.

די „לעצטע נייעס", פונקט ווי אַלע אַנדערע צייטונגען פון די היגע נאַציאָנאַליטעטן, איז אָפיציעל אַרויסגעגאַנגען „לויטן באַפעל פונם אָבערבעפעלסהאַבער אָסט" און האָט געמוזט דורכגיין אַ שטרענגע מיליטערישע צענזור. מ'האָט ניט געטאָרט שרייבן זעלבשטענדיק ניט וועגן רוסלאַנד און ניט וועגן דייטשלאַנד, ניט וועגן דער אַנטאַנטע און ניט וועגן די צענטראַלע מלוכות מיט זייערע בעלי־ברית, ניט וועגן סאָציאַלע און ניט וועגן פאָליטישע פראַגן, ניט וועגן נאַציאָנאַלע און ניט וועגן אינטערנאַציאָנאַלע פראָבלעמען, ניט וועגן יידן און ניט וועגן פאָליאַקן, ליטווינער אָדער ווייסרוסן. וועגן די דאָזיקע אַלע ענינים פלעגן זייער אָפט אַריינגעשיקט ווערן אין רעדאַקציע אינספירירטע אַרטיקלען פון דער פרעסע־שטעלע אין שטרענגען דייטש־פאַטריאָטישן און דייטש־מיליטאַריסטישן גייסט. די צענזור האָט געמעקט אויף רעכטס און אויף לינקס, פלעגט אַרויסוואַרפן כמעט פון יעדן נומער גאַנצע אַרטיקלען און כראָניקעס, אָפט אפילו איבערגעזעצטע פון דייטשע רעגירונגס־בלעטער און מיליטערישע אָרגאַנען. דערביי—איז די צייטונגען שטרענג פאַרווערט געווען אַרויסצוגיין מיט בלויזן. ס'פלעגן שטרענג צענזורירט ווערן אויך מודעות, אפילו די וויכטיקסטע אָפיציעלע טעלעגראַמעס. און אויב די דייטשע צענזור איז געווען זייער שטרענג צו די „פרעמד־שפראַכיקע" צייטונגען אין אָבאָסט בכלל, איז זי געווען פשוט אומדערטרעגלעך פאַר די „לעצטע נייעס". דער יידישער צייטונג איז פאַרווערט געווען אפילו צו ענטפערן אויף פאַרשיידענע פראָוואָקאַטאָרישע אינסינואַציעס און ראַפינירטע העצערייען, וואָס פלעגן זיך שוין צו אָפט באַווייזן אויף די שפאַלטן פון „דזיענניק ווילענסקי". אַ געוויסע צייט, ווען די דייטשן האָבן געלייגט האָפענונגען אויף די פאָליאַקן, האָבן זיי ניט געוואָלט זיי מרגז זיין אפילו מיט אַזאַ קלייניקייט, ווי ערלויבן די יידן צו ענטפערן אויף מיאוסע רכילות. פאַרקערט, אַז די האָפענונג אויף די פאָליאַקן האָט אָנגעהויבן פאַרשווינדן, האָבן די דייטשע שררות אַ וואונק געטאָן דער יידישער צייטונג, אַז זי מעג שרייבן קעגן די פאָליאַקן וואָס זי וויל. די יידישע צייטונג האָט אָבער ניט אויסגענוצט די דאָזיקע כלומרשטע „פריווילעגיע" און איז געבליבן צו די שכנים־פאָליאַקן ווי ביז אַהער לאָיאַל און העכסט קאָרעקט; זי האָט געגלויבט, אַז די דייטשן וועלן דאָך ווען עס איז אַוועקגיין פון דאַנען, מיט די פאָליאַקן אָבער וועלן די יידן אויך אויף ווייטער בלייבן לעבן צוזאַמען, ווי זיי האָבן מיט זיי צוזאַמען ביז אַהער געלעבט לאַנגע יאָרהונדערטער, און זיי מוזן שטרעבן צו אַ צוזאַמענלעבן אין שלום און אין אחדות. דאָסזעלביקע האָבן די דייטשן געטאָן אויך מיט די ווייסרוסן און ליטווינער. דער הויפט־שטריך פון דער דייטשער פאָליטיק אין דעם קאַנט איז געווען מאַקיאַוועליס פרינציפ: „Divide et impera". דער אידעאַל פון די יידן אָבער איז געווען און פאַרבליבן אחדות און שלום מיט די פעלקער־שכנים, מיט וועמען זייער גורל איז היסטאָריש פאַרבונדן. און אין דער צייטונג זיינען געדרוקט געוואָרן אַ סך אַרטיקלען (פון ד״ר אָלשוואַנגער, א. י. גאָלדשמידט, ד״ר יעקב וויגאָדסקי, ד״ר צ. שאַבאַד און זלמן לעווין) וועגן אַ התקרבות צווישן אַלע היגע נאַציאָנאַליטעטן.

און דאָך, ניט געקוקט אויף די סקאָרפיאָנען פון דער דייטשער מיליטערישער צענזור, האָט זיך די „לעצטע נייעס" געקליגט דורכצוברעכן אַ וואַנט אויפן וועג צו ליכט און יידישער קולטור קעגן גערמאַניזאַציע און אַלע אַנדערע אַסימילאַציעס. די צענזור האָט גאָרנישט געהאַט קעגן „קאָנצערטן", „טעאַטער", „קונסט", „וויסנשאַפט" און בכלל „קולטור",—נו, האָט מען די דאָזיקע אַלע שיינע זאַכן אויסגענוצט אויף אַ געהעריקן אופן.

די צייטונג איז געווען אַן אויסגעשפּראָכן אומפאַרטייאישע, דעמאָקראַטישע. מיט כל אמצי כוחות האָט זי פאַרטיידיקט די עקאָנאָמישע און נאַציאָנאַל־קולטורעלע אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אָבאָסט, האָט געוועקט דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און דעם אינטערעס צו דער יידישער שפראַך און יידישער קולטור. זי האָט געקעמפט און אַ סך אויפגעטאָן פאַר אַ ריינעם יידישן טעאַטער, פאַר יידישע שולן, פאַר די רעכט פון דער יידישער שפראַך.

אַחוץ אַ רייכן אינפאָרמאַטיוון מאַטעריאַל פון מלחמה־ידיעות, אַלגעמיין־פאָליטישע ידיעות, כל המינים וועלט־נייעס א. אַז. וו., האָט די צייטונג געהאַט נישקשהדיק אַוועקגעשטעלט אויך די ווילנער כראָניק און די כראָניק פון דער פראָווינץ (דערין אויך קאָרעספאָנדענציעס פון לייב ניידוס פון גראָדנע, וואָס האָט זיך אונטערגעשריבן „לעאָנאַרדאָ", און פון זיין חבר אברהם זאַק). אין דער צייטונג האָבן זיך געדרוקט אויך כל־המינים פאַראָרדענונגען פון דער דייטשער מאַכט, וואָס זיינען אַ דאַנקבאַרער מאַטעריאַל פאַר געשיכטע, און זי האָט געהאַט אַ סך מודעות, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן דעם קיום אירן.

דן קאַפלאַנאָוויטש (אַפריער אונטערן פסעוודאָנים „קיכאָט" און נאָכדעם שוין אונטער זיין אַלטן פסעוודאָנים Don) האָט זיך אין זיינע וואָך־פעליעטאָנען אָפגערופן אויף די ערשיינונגען און געשעענישן פון לעבן פאַר דער גאַנצער צייט פון דער דייטשער אָקופאַציע. ער האָט אויך געגעבן אין דער פאָרם פון קורצע דיאַלאָגן אַ מאַסע „ווילנער בילדלעך" פון לעבן און ליידן פון די יידישע מאַסנמענטשן אין יענער פינסטערער צייט.

די צענזאָרן—דער יידישער סאָלדאַט באַנעט (זייער אַ געבילדעטער פרומער און ערלעכער יונגערמאַן, אַ זון פון אַ באַקאַנטן אָרטאָדאָקסישן פראָפעסאָר אין בערלין) און דער דייטשער לייטענאַנט—האָבן געהאַלטן די דאָזיקע פעלעטאָנען פאַר פרעמדע דעם דייטשן געשמאַק, וואָס „זייער אינהאַלט האָט ניט קיין שום זין“, און האָבן זיי כמעט אַלעמאָל געשאַנעוועט (אַחוץ אַ צוויי־דריי פאַלן). דערפאַר אָבער האָט דער ווילנער פשוטער עולם לעזער געקוקט אויף זיי לחלוטין אַנדערש. האָט געלייענט אין די שורות און צווישן די שורות, האָט אַיינגעלערנט אין זיי פשט, רמז, דרוש און סוד, געלעקט פון זיי די פינגער און געקוואָלן פון נחת.

די דאָזיקע פעלעטאָנען און בילדלעך זיינען אַ דאַנקבאַרער מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטע פון די איבערלעבענישן בעת דער אָקופּאַציע.

אַחוץ דעם האָט קאַפּלאַנאָוויטש געגעבן אַ סעריע ערציילונגען לכבוד יום־טוב, פובליציסטישע אַרטיקלען, אַרטיקלען וועגן יידישן טעאַטער, איבערזעצונגען פון מאָפּאַסאַן, פּ. קראַפּאָטקין („מעמואַרן פון אַ רעוואָלוציאָנער“), „זכרונות פון אַ ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט“ (איבערזעצט פון Еврейская старина) א. אַנד.

ז. רייזען האָט אָנגעשריבן אַ גאַנצע ריי אַרטיקלען, נאָטיצן און רעצענזיעס וועגן יידישער שפּראַך, גראַמאַטיק, שריפטשטעלער, טעאַטער, „ווילנער טרופּע“, שול און געזעלשאַפטלעכקייט; האָט באַאַרבעט דעם באַוואוסטן שיינעם ראָמאַן פון אוואַלעס „בן־חור“ אונטערן נאָמען „ירושלים און רוים“, איבערזעצט „די אידען אין צירנדאָרף“ פון יעקב וואַסערמאַן (ניט פאַרענדיקט), איבערזעצט אויך „אַ איד“, אַ ראָמאַן פונם דעניש־יידישן שריפטשטעלער מאיר־אהרן גאָלדשמידט, און „מיליאָנערן“ פון אַרטור לאַנדסבערגער.

ד״ר אליהו אָלשוואַנגער (אל. אל.) האָט געגעבן אייניקע אַרטיקלען וועגן דער יידישער עקאָנאָמיק, געזעלשאַפטלעכקייט, קולטור, טעאַטער, קונסט, וויסנשאַפטן, פילאָסאָפיע. ער האָט אויך געגעבן אַ פּאָר איבערזעצונגען פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור.

ש. ל. ציטראָן און מ. שאַליט האָבן גאָרנישט געוואָלט שרייבן אָריגינעלס אין די „לעצטע נייס“ און ניט געוואָלט אונטערשרייבן זיך. דער ערשטער איז נאָך אין יאָר 1916 אַרויסגעטראָטן פון דער צייטונג און שאַליט האָט אין יאָר 1917, נאָכן פאַלן פונם צאַרישן רעזשים אין רוסלאַנד, אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן סעריעס אַרטיקלען וועגן פאַרשיידענע פראַגן פונם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אייזיק פרידקין האָט געגעבן עטלעכע לידער און אַ פּאָר שטימונגען.

א. י. גאָלדשמידט (מיכל יאַקאָבי, עמנואל כהנא, גד, גדיאל, א. י. ג—דט, א. גימל)—בעלעטריסטישע זאַכן, רייזעבילדער, אַרטיקלען, באַריכטן, אַ גרעסערע אַרבעט וועגן מרדכי אהרן גינצבורג, די ביאָגראַפיע פון פלעכאַנאָוו, איבערזעצונגען פון מולטאַטולי, זשאָרזש קורטעלען, סקאָועל און יוהאַני אַהאָ.

אַחוץ דעם האָבן זיך אין די „לעצטע נייס“ באַטייליקט: ש. אַנ—סקי, דוד בערעזאָווסקי (דודל,—אָנגעהויבן), רעואל גינצבורג (באַוואוסטער אַרבעטער־טוער), ד״ר י. וויגאָדסקי, ד״ר א. ווירשובסקי, אברהם זאַק, אליהו הלוי לעווין (אהל״ל), הייקל לונסקי, א. מאָרעווסקי, לייב ניידוס, יעקב פאַט, ג. פלודערמאַכער, משה קולבאַק (אָנגעהויבן), י. ח. ראָזנבוים, אַדוו. ש. ראָזנבוים, ד״ר יוסף רעגענסבורג („צו דער עסטעטיק פון יידיש“), שרה רייזען, ד״ר צ. שאַבאַד, יונה שאַפּיראָ און אַ סך אַנדערע.

די „לעצטע נייס“ האָט אַ סך אויפגעטאָן אויך פאַר דער עצם שפּראַך. אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט, געשטיקט און געדריקט אונטערן אייזערנעם יאָך פון דער מיליטעריש־אָקופּאַנטישער „קולטור“, האָבן די מיטגלידער פון דער רעדאַקציע בכלל און די רעדאַקטאָרן ד״ר אָלשוואַנגער און זלמן רייזען בפרט מיט אַ באַזונדערער ליידנשאַפטלעכקייט זיך אָפּגעגעבן מיטן רייניקן די שפּראַך פון אַלע פרעמדע אָנוואוקסן; מיט כל אמצי כוחות באַמיט זיך אויסצומיידן סלאַוויזמען און גערמאַניזמען, רוסישע און ניט־יידיש־פאָלקסטימלעכע דייטשע ווערטער און אויסדריקן, וואָס יידיש האָט פון זיי ביז אַהער אַזוי פיל געליטן. מ׳האָט דערוויטערט אין דער שפּראַך אַלץ, וואָס האָט דערמאָנט אָן דייטשער השפעה, מ׳האָט צוליב דעם ציל איינגעפירט אַ מאַסע ביז אַהער היימיק געברויכלעכע און אפילו גאָרניט געברויכלעכע העבּרעאישע ווערטער און אויסדריקן, ווי: פּיקפּוקים, יפּוי־כּוח, יתר־שאת, החלטה, שקלא וטריא, מעורר זיין, התעוררות, השקפה, הסתכלות א. אַ. וו. אָן אַ שיעור (ד״ר אָלשוואַנגער); מחיה־מתים געווען פאַרצייטיקע פאָלקסטימלעכע ווערטער און אויסדריק, למשל: נייערט, גענעענען, וכדומה (זלמן רייזען); אַריינגעבראַכט אינטערעסאַנטע פּראָווינציאַליזמען, ווי: האַרב—וויבאַלד (למשל: האַרב וויל ער ניט, דאַן דאַרף מען ניט), לבבות (געוויסן) א. אַ. (פייוול מאַרגאָלין); געשאַפן לחלוטין נייע ווערטער, צום ביישפּיל: געראַנגל, טונקשיפן (ד״ר אָלשוואַנגער), לעפצונג, רויוואַרג (ז. רייזען). בקיצור, מ׳האָט געטאָן אַלץ, וואָס מ׳האָט געקענט, בכדי נאָר צו געברויכן אַ ריינעם יידיש. און כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס זייער אַ גרויסע מאַסע פון די ספּעציפישע „לעצטע נייס“־ווערטער האָבן זיך לייכט אָנגענומען און זיינען אַריין אין דער שפּראַך.

די „לעצטע נייס“ איז געווען די ערשטע טעגלעכע צייטונג, וואָס האָט שוין פון ערשטן נומער אָן גענומען ענערגיש רעפאָרמירן די יידישע אָרטאָגראַפיע. אין דעם פּרט האָט זיך אויסגעצייכנט זלמן רייזען, אָבער דורכפירן אַלע רעפאָרמען, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר נייטיק—דערין האָט געשטערט דער אַרויסגעבער, וועלכער האָט, למשל, ניט דערלאָזט אַרויסצוואַרפן דעם שטומען ע פאַר דער ענדונג ן. דאָך האָט די „לעצטע נייס“ אויפגעטאָן אַ וויכטיקע אַרבעט פאַר דער רעפאָרם פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע.

פון דעם אַלעם, וואָס איז אויבן געזאָגט געוואָרן, איז צו זען, אַז די „לעצטע נייס“ האָט געשפּילט זייער אַ גרויסע קולטורעלע ראָלע אינם יידישן לעבן אין „אָבער־אָסט“ אין די פינסטערע יאָרן 1916—1918, ווען די דאָזיקע צייטונג איז פאַר דער יידישער באַפעלקערונג דאָ געווען אַ צענטער, וואוהין זי האָט זיך שטענדיק געווענדט נאָך ידיעות און אַן עצה. באַזונדערס האָט זיך דאָס אַרויסגעוויזן אין די יאָרן 1917 און 1918, ווען כמעט יעדער טאָג פלעגט ברענגען איבעראַשנדיקע נייס פון רוסלאַנד, פון די שלאַכט־פעלדער און פון די צענטראַלע מלוכות, ווען די קלאַנגען וועגן שלום, וועגן אַן אמתן שלום פלעגן אָפט אַרויסרופן מאַסן מענטשן אויף די גאַסן מיט אַן אומגעשטילטן דאָרשט צו שלינגען די פאַרשיידענע נייס. ווען אין שטאָט פלעגט זיך פאַרשפּרייטן אַ קלאַנג וועגן שלום, פלעגט די רעדאַקציע פון די „לעצטע נייס“ פשוט באַלעגערט ווערן ממש פון מאַסן מענטשן אפילו אין מיטן נאַכט, ניט געקוקט אויף די דייטשע פאַראָרדענונגען, וואָס האָבן שטרענג פאַרווערט צו גיין אין גאַס נאָך צען אַ זייגער אינאָוונט. מ׳קען דרייסט זאָגן, אַז דאָס איז געווען דער ערשטער מאָל, ווען אַ יידישע צייטונג אין ווילנע איז געוואָרן אַ אינטעגראַלער טייל פונם יידישן קולטורעלן לעבן.

קען מען דאָך מיינען, אַז בעת צענדליקער טויזנטער יידן אין ווילנע האָבן געשמאַכט פון הונגער און טויזנטער פון זיי זיינען אומגעקומען אָן אַ צייט פון הונגער־מחלות, זיינען די מיטאַרבעטער און די אַרבעטער פון די „לעצטע נייס“ געווען זאַט

מיט ברויט. איז עס אָבער אַ גרויסער טעות. די אַרבעטער האָבן באַקומען אַ הונגער=לוין אין פולן זין פון וואָרט. די מיטאַרבעטער האָבן זיך פון די כוחות אַרויסגעשלאָגן אין זייער אָנשטרענגען זיך אָנצושרייבן „וואָס מער שורות" צו האַלבן פעניג און ווייניקער אַ שורה. קיין „איבעריקע" שורות זיינען אָבער אין דער צייטונג ניט געווען, — איז צווישן די מטיאַרבעטער פאָרגעקומען אַ גערַאנגל „פאַר שורות" און סכסוכים. קיין זאַך האָט ניט געהאָלפן. דער יקרות איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער און דער הונגער — שאַרפער. די זעצער זיינען געשטאַנען הונגעריקע ביי די קאַסעס און האָבן זיך געזעטיקט מיטן שטויב פון בליי; די מיטאַרבעטער זיינען געזעסן ביי די שרייבטישן פאַרשמאַכטע. מ'האָט זיך געקאָכט אין זיך און צווישן זיך און קיין אויסוועג איז ניט געווען. מ'האָט געציטערט צו שטעלן פאָדערונגען און אין פאַל פון ניט באַפרידיקונג צו מעלדן אַ שטרייק, ווייל פאַר איטלעכן איז געשטאַנען די סכנה צו ווערן אַרעסטירט און „מאָבּיליזירט" אויף „צוואַנג=אַרבעט" אין די שלאַכט=ראַיאָנען, פונוואַנען זעלטן ווער עס האָט זיך אומגעקערט צוריק. און מ'האָט לאַנג געליטן און געשוויגן. אָבער צום סוף איז געשען דאָס, וואָס עס האָט געמוזט געשען. דער יאָר 1917 איז געווען דער שרעקלעכסטער פון די הונגער=יאָרן פאַר דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. מענטשן זיינען אין די גאַסן געפאַלן ווי די פליגן. און ס'איז דערגאַנגען אויך — צום פּערסאָנאַל פון די „לעצטע נייס". דער זעצער ב ע נ ג י ס איז געשוואָלן געוואָרן פון הונגער און — געשטאָרבן. דאָס האָט געמאַכט אַ שוידערלעכן איינדרוק אויפן גאַנצן פּערסאָנאַל און אים אויפגעטרייסלט ביזן גרונד, יעדערער באַזונדער האָט איינגעזען דערין אַ התראה פאַר זיך, איטלעכער האָט גענומען ציטערן פאַרן אייגענעם מאָרגנדיקן טאָג. און פון זיך אַליין איז געשאַפן געוואָרן די געווינטשטע אחדות, די געווינטשטע אַנטשלאָסנהייט. מ'האָט אפילו טראַכטן ניט געוועלט וועגן דער „מאָבּיליזאַציע אויף צוואַנג=אַרבעט", און מ'האָט דערלאַנגט דעם אַרויסגעבער עטלעכע גאַנץ באַשיידענע פאָדערונגען. דער ענטפער פון דעם אַרויסגעבער איז געווען אַ נעגאַטיווער.

דעם 11 אַווגוסט 1917 האָט מען אָפּגעשטעלט די אַרבעט אויפן 186 נומער. ד"ר אָלשוואַנגער האָט זיך דערמאָנט, אַז די גאַנצע קאָנצעסיע איז אָפּגעגעבן געוואָרן בלויז אַדאַנק אים. איז ער אַוועק אין דער פּרעסע=שטעלע און האָט איבערגעגעבן אַ גענויעם מעמאָראַנדום וועגן דעם גאַנצן ענין. די דייטשע מאַכט האָט זיך צו אַלעמענס פאַרוואונדערונג באַצויגן סימפּאַטיש צום פּערסאָנאַל און האָט אים איבערגעגעבן די קאָנצעסיע אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. אין פינף טעג אַרום, דאָנערשטאָג 16 אַווגוסט (אלול תרע"ז), איז אַרויס דער לויפנדיקער נומער 187.

דער פּערסאָנאַל „לעצטע נייס" האָט ניט געהאָט די נייטיקע געלט=מיטלען אויף די ערשטע הוצאות אויף דער עצם צייטונג און פאַר זיך אויף דורכצוקומען די שווערע צייט ביז מ'וועט זיך איינאָרדענען. מ'האָט באַלד געפונען אַ פינאַנסיסט, בראַנצאָווסקי, אַ ברודער פון דער געוועזענער אַרויסגעבערין פונם בונדישן „מאָרגנשטערן" אין סוף יאָר 1907. ער האָט פינאַנסירט די צייטונג און דערפאַר באַקומען אַ געוויסע חודשדיקע שכירות און אַ געהעריקן פּראָצענט פונם ריוח. דאָס האָט אויסגעמאַכט אַ גאַנץ היבשע סומע; אַחוץ דעם האָבן די דייטשן געהעכערט דעם סכום פון דעם חלק, וואָס זיי „דאַרפן" באַקומען פון די „לעצטע נייס", פון 10% אויף 33⅓%; פאַר פּאַפּיר האָבן זיי אויך געהעכערט דעם פּרייז, דאַכט זיך, אינצווייען; — פונדעסטוועגן איז דער מצב פונם פּערסאָנאַל פאָרט באַדייטנד בעסער געוואָרן, הגם ניט אינגאַנצן גלייך גוט פאַר אַלעמען. די חלוקה איז געגאַנגען לויט געוויסע קאַטעגאָריעס. האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן סכסוכים, אָבער דעם



מאָל שוין צווישן די זעצער און די מיטאַרבעטער. דאָס האָט זיך געצויגן אַזוי ביז דעצעמבער 1918.

די דייטשן האָבן אָנגעהויבן מאַכן הכנות צו פאַרלאָזן ליטע. מ'האָט גענומען איינזעען, אַז ביי דער נייער סיטואַציע וועלן זיך עפענען נייע יידישע צייטונגען און די „לעצטע נייס" וועט זיך אַלס קאָאָפּעראַטיוו ניט קענען האַלטן; אַנדערע ווידער האָבן געוואָלט ניט אַנדערש ווי „האָבן אַ בעל=הבית". איז אין רעזולטאַט געמאַכט געוואָרן אַ קאָמבינאַציע און די צייטונג איז פאַרקויפט געוואָרן צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

פון נומער 283 (6 דעצעמבער 1918) האָט זיך געענדערט די רעדאַקציע. דן קאַפּלאַנאָוויטש און זלמן רייזען זיינען אַרויסגעטראָטן פון דער צייטונג. לייב יפה, וואָס איז געקומען פון רוסלאַנד, איז געוואָרן דער אָפיציעלער רעדאַקטאָר און משה שאַליט — דער אינעווייניקסטער. ש. ל. ציטראָן איז ווידער אַריין אין רעדאַקציע.

די דייטשע נאָוועמבער=רעוואָלוציע האָט באַפרייט די ווילנער פּרעסע פון די אָקופּאַנטישע צענזור=קייטן. און די „לעצטע נייס" האָט פרייער אָפּגעעטעמט, אַ נייער שטראָם פון לעבן האָט זיך אין איר צעריינגעגאָסן, אָבער ניט אויף לאַנג. די צייט איז געווען אַ שטורימדיקע, אַן אומבאַשטימטע, אַן אומרואיקע. מ'האָט ניט געקענט געפינען דעם ריכטיקן טאָן. די דייטשן זיינען באַלד אַוועק (דעם 31 דעצעמבער 1918). גענעראַל מאָקזשעצקי האָט געהאַט פאַרנומען ווילנע און אין פינף טעג אַרום (6 יאַנואַר 1919) זיינען געקומען די באָלשעוויקעס. דאַן האָט זיך די „לעצטע נייס" איינגעשרומפּן, האָט זיך געהאַלטן שטיל, ניט אָנגערירט די באָלשעוויקעס ניט מיט אַ גוט וואָרט, ניט מיט אַ שלעכטן (די רעכטבונדישע „אונזער שטימע" האָט דווקא מוטיק און שאַרף קריטיקירט די מעשים פון דער ראַטנמאַכט). דאָך האָט די ראַטנמאַכט געקוקט קרום אויף די בורזשואַזע „לעצטע נייס" און האָט זי סוף=כל=סוף פאַרמאַכט, רעקווירנדיק דעם גאַנצן זאַפּאַס פּאַפּיר אירן. דער לעצטער נומער, 32, (פון פערטן יאָרגאַנג) איז אַרויס פרייטאָג ז אדר א' תרע"ט (7 פעברואַר 1919).

---

## אונזער שטימע.

טעגלעכע סאָציאַלדעמאָקראַטישע אַרבעטער=צייטונג. אָרגאַן פון „בונד" פאַר ליטע. איבערן קעפּל לינקס איז געווען די אויפשריפט: פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך! — פּרייז פון נומער 20 פעניג.

דער „בונד" האָט גאַנצע דריי יאָר געחלומט וועגן אַן אייגענעם אָרגאַן. צום סוף, תיכף נאָך דער דייטשער נאָוועמבער=רעוואָלוציע, האָט ער זיך ענערגיש גענומען אָרגאַניזירן אַ צייטונג, וואָס איר נאָמען „אונזער שטימע" איז שוין געווען לאַנג גרייט, און דער ערשטער נומער איז אַרויס דאָנערשטאָג דעם 5 דעצעמבער 1918. ס'איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער „רעוואָלוציאָנערער" דייטשער מאַכט אין ווילנע, וואָס דער דאָזיקער ערשטער נומער איז אַרויס מיט היבשע צענזור=בלויזן. פון 2=טן יאַנואַר 1919 האָט זיך אָנגעהויבן אַ טאָפּלטער נומער: (20) 2, (21) 3 און אַזוי ווייטער. 26 נומערן זיינען אַרויסגעגאַנגען אין פאָרמאַט פון אַ וואָכן=זשורנאַל. פון נ' (27) 9 (12 יאַנואַר 1919), ווען דער טיראַזש האָט זיך פאַרשטאַרקט, האָט די צייטונג אָנגעהויבן אַרויסגיין אין אַ גרויסן פאָרמאַט מיטן אונטער=טיטל: אָרגאַן פון געגנט=קאָמיטעט פאַר ליטע. דער פּרייז פון אַ נומער איז געוואָרן 15 קאָפּ. פון נ' (30) 12 (15 יאַנואַר) איז דער פּרייז געהעכערט געוואָרן אויף 20 קאָפּ., פון נ' (48) 30 אין פּראָווינץ — אויף 25 קאָפּ., פון נ' (79) 61 (16 מערץ) אין ווילנע — אויף 30 קאָפּ. און אין פּראָווינץ — אויף 35 קאָפּ. — אין אָנהייב אַפּריל האָט

גובר געווען די לינקע ריכטונג אין „בונד“, איז „אונזער שטימע“ אַריבער צום ווילנער קאָמיטעט און האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין אין נאָך אַ ביסל אַ פאַרגרעסערטן פאָרמאַט (פון נ׳ (91) 73 אָן — מאָנטאָג דעם 7 אַפּריל) מיטן אונטער־טיטל: אָרגאַן פון ווילנער קאָמיטעט פון „בונד“. דער פּרייז פון אַן איינצלנעם נומער איז שוין געהעכערט געוואָרן אויף 60 קאָפּ. אין שטאָט, און אויף 70 ק. אין פּראָווינץ. די שטייגונג פון פּרייז איז געגאַנגען פּאַראַלעל מיט דער שטייגונג פון די פּרייזן אויף אַלע נויטווענדיקסטע לעבנסמיטלען בכלל; געדרוקט האָט זיך שוין די צייטונג אויף זייער שלעכטן פּאַפּיר. אַרויסגעגאַנגען זיינען סך־הכל 99 נומערן. דער לעצטער נומער (99) 81 איז אַרויס חול־המועד פּסח פרייטאָג דעם 18 אַפּריל 1919 — דעם לעצטן טאָג פון דער ראַטנמאַכט אין ווילנע.

אינעווייניקסטער רעדאַקטאָר, סטיליזאַטאָר, לייט־אַרטיקלער און טעכנישער אויספירער איז געווען ביזן נומער (78) 60 (15 מערץ) — דער טאַלענטפולער פילאָלאָג און זשורנאַליסט מ אַ ק ס װ י י נ ר י י ך. ער איז געווען איבערגעגעבן דער צייטונג מיט לייב און לעבן, האָט געהאָרעוועט אָן אַ שיעור, האָט גאָר קיין אַרבעטסטאָג ניט געהאַט. אַחוץ די נאָרוואָס דערמאָנטע פונקציעס, האָט ער נאָך אויסגעפירט די אַרבעט אויך פון אַן איבערזעצער פון כל המינים פּאָליטישע אַרטיקלען, נאָטיצן, כראָניקעס און טעלעגראַמעס, געשריבן פּאַרטייאישע און פּאָלעמישע צייט־אַרטיקלען, האָט געשלייפט די שפּראַך, ווי ז. רייזען אין די „לעצטע נייס“, און האָט געמאַכט „אונזער שטימע“ פאַר אַן אמתער ליטעראַרישער צייטונג פונם יידישן אַרבעטער. נאָכדעם ווי די „לעצטע נייס“ איז פאַרמאַכט געוואָרן, איז „אונזער שטימע“ געווען די איינציקע יידישע צייטונג, וואָס אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ווילנע האָבן געלייענט. זי האָט באַלויכטן אָביעקטיוו אַלע פראַגן ניט בלויז פון לעבן פונם יידישן אַרבעטער, נאָר אויך פונם יידישן לעבן בכלל. ס׳איז געווען אַ צייט, ווען אַרויסזאָגן אַ פרייע וואָרט קעגן געוויסע אומלאָגישע און אומגערעכטיקע מעשים פון די באָלשעוויקעס אין ווילנע איז געווען אַן אַקט פון גייסטיקער גבורה. די צייטונג האָט טאָג איין, טאָג אויס דערוויזן, אַז פאַקטיש איז ניטאָ קיין ראַטנמאַכט, אַז פאַקטיש הערשן בלויז י ח י ד י ם, וואָס פאַרדעקן זיך מיטן פייגנבלעטל פון כלומרשטיקער ראַטנמאַכט. „אונזער שטימע“ האָט געקעמפט מוטיק פאַר די אידעאַלן פון ניט געפעלשטן דעמאָקראַטיזם אין די אַרבעטער־רייען, אין די אַרבעטער־ראַטן; פאַר דער זעלבשטענדיקייט און גאַנצקייט פון דער יידישער היסטאָרישער אַרבעטער־פּאַרטיי; קעגן יעטווידן דרוק. בשעת ס׳זיינען דעם 7 פעברואַר פאַרמאַכט געוואָרן די „משה רבינוס שטומע קיעלע“ די „לעצטע נייס“, די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־צייטונג „פשעלאָם“ און קסיאָנדז מוקערמאַנס „גלאָס ליודו“, איז „אונזער שטימע“ אַרויס מיט אַ שאַרפן אַרטיקל קעגן די „אומזיניקע רעפּרעסיעס“, וואָס ברענגען דווקא צו להיפּוכדיקע רעזולטאַטן. פאַר „אונזער שטימע“ האָט מען געהאַט אָפּשיי און מ׳האָט מורא געהאַט זי צו פאַרמאַכן.

נאָכדעם ווי מאַקס ווײַנרייך איז אַוועק פון דער צייטונג, האָט זיין פּלאַץ פאַרנומען דער פעאיקער זשורנאַליסט פּ ס ח נ אָ װ י ק, וואָס איז געווען געקומען פון אַמעריקע און האָט זיך געהאַט געקליבן צוריק אַוועקצופאָרן. ער האָט אויך געאַרבעט פּונקט ווי ווײַנרייך, אויך ווי ער פאַרשפּאָרט דער צייטונג גרויסע הוצאות אויף מיטאַרבעטער און פאַרטיידיקט דיזעלביקע פּאַרטיי־פרייהייטן. אפילו די אַזויגערופענע לינקע בונדיסטן, וואָס האָבן צום סוף אַריינגענומען די צייטונג אין די אייגענע הענט,





זיינען געשטאַנען פאַר דער זעלבשטענדיקייט און גאַנצקייט פון „בונד“ און קעגן דער צונויפגיסונג מיט דער ר. ק. פּ. דערפאַר האָט די באָלשעוויסטישע פּרעסע אויך קעגן זיי געפירט אַ העפטיקע אָפּענסיווע.

קורץ, דאָס איז געווען אַן ערלעכע און אַ גוטע בונדישע צייטונג.

אין דער צייטונג האָבן זיך באַטייליקט אויך א. י. גאָלדשמידט, ווירגילי — חשמונאי, ניסן פּופּס, א. פרידקין און אַנד.

אויפן געביט פון אָרטאָגראַפיע האָט „אונזער שטימע“ שוין ניט געהאַט קיין מניעות אָפּצושאַפן דעם שטומען ע אין די ענדונגען פון די פּעלים, און אַזוי־אַרום זיך נאָך מער דערנענטערט צו דער נייער אויסלייגונג.

די השפּעה פון „אונזער שטימע“ איז בשעתּה געווען גרויס און די יידישע אַרבעטער האָבן שטאַרק באַדויערט איר אומגעריכטן אונטערגאַנג.

---

## „דער קאָמוניסט“. —

אָרגאַן פון צ. ק. פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ליטע און ווייסרוסלאַנד. איבערן קעפּל — די אויפשריפט: פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט אייך! רעדאַקציע איז אָפן טעגלעך פון 10 ביז 2 אַזייגער אויסער ש ב ת און א. וו. איינצלנער נומער 15 קאָפּ. נאָכדעם — 20 קאָפּ. אונטערן קעפּל אינמיטן — אין אַ קוואַדראַט־רעמל אַן עמבלעמע: אַ האַמער און אַ סערפּ אַריבערגעלייגט קרייצאַרטיק. רעדאַקטאָר: רעדאַקציאָנס־קאָלעגיום. אַרויסגעבער: צענטראַלער קאָמיטעט פון דער קאָמ. פּאַרטיי אין ליטע און ווייסרוסלאַנד. — דער ערשטער נומער איז אַרויס דאָנערשטאָג דעם 26 דעצעמבער 1918. דער גאַנצער ערשטער נומער איז געווען אָפּגעדרוקט מיט רויטע אותיות. אין לייטאַרטיקל איז דערציילט געוואָרן זייער קורץ וועגן דעם מאָמענט און ס׳איז אַרויסגעשטעלט געווען דער לאָזונג: די גאַנצע מאַכט די אַרבעטער־, סאָלדאַטן־ און פּויערים־ראַטן. אינם ערשטן נומער איז אויך געווען אַן אַרטיקל „אונזערע אויפגאַבן אין ליטע“. דאָ איז דורכגעפירט געוואָרן דער געדאַנק, אַז דורך אַ באָלשעוויסטישער ליטע וועט זיך ראַטנרוסלאַנד לייכט פאַרבינדן מיט דער רעוואָלוציאָנערער דייטשלאַנד און דאַן איז די אַלאייראָפּעאישע און נאָכדעם אויך די אַלוועלטלעכע סאָציאַלע רעוואָלוציע געזיכערט. אונטערן אַרטיקל איז געווען אונטערגעשריבן י. ר ײ ס ע ן. דאָס איז געווען דער איידעלער יונגער אידעאַליסט־ענטוזיאַסט י ה ו ד ה ש י מ ע ל ע װ י ט ש. דער אַרטיקל האָט געאָטעמט מיט גלויבן און התפּעלות. אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער מיט זיין העלדישן טויט דערוויזן זיין אויפריכטיקע געטרייהייט דעם אידעאַל, וואָס איז אים געווען הייליק צום הייליקסטן. נאָך רייסענס אַרטיקל איז געגאַנגען אַ מאַניפעסט פאַר ליטע, אונטערגעשריבן אין נאָמען פון דער צייטווייליקער ווילייקער רעגירונג. ש. דימענטשטיין איז געווען אויפן זיבעטן הימל פון שמחה און האָט אָנגעשריבן אַן אַנטציקטן אַרטיקל „צוריק אין תחום“.

אינעווייניקסטער רעדאַקטאָר און טעכנישער אויספירער איז געווען מ ש ה ל ו נ ע װ ס ק י, וואָס האָט געדינט אַלס כראָניקער אין „דאָס פאָלק“ און נאָכדעם אין „לעצטע נייס“, וואו ער האָט צוגלייך מיט אַלעמען געהונגערט און געליטן דערנידעריקונגען מער פון אַלעמען. צולעצט האָט ער זיך גיך איינגעקויפט אין חן ביי יהודה שימעלעוויטש, און אַדאַנק אים, שימעלעוויטשן, איז ער עולה לגדולה געוואָרן. ער האָט אָבער ניט געהאַט ניט

די טעאָרעטישע נים די פּראַקטישע צוגרייטונג צו אַזאַ פאַראַנט־וואָרטלעכער שטעלע פון אַ רעדאַקטאָר פון אַן ערנסטן אָרגאַן. איז טאַקע „דער קאָמוניסט" געפירט געוואָרן גאָרניט מהודרדיק. אין אַלע אַרטיקלען, נאָטיצן, ווער רעדט אין די טעלעגראַמעס און איבערזעצטע צייטונגס־כראָניקעס, האָט זיך געפילט דאָס פעלן פון אַ רעדאַקטאָרישער האַנט. די שפּראַך איז אָפט געווען פשוט אַ הילצערנע, די אָרטאָגראַפיע אַ צעטומלטע און די קאָרעקטור—ערגער ווי שלעכט, און דאָס אַלץ ניט געקוקט דערויף, וואָס אין דער צייטונג האָבן זיך באַטייליקט אַזוינע געניטע זשורנאַליסטן, ווי ש. דימענטשטיין, פ. ליבערטע, ת. קאַפּלאַן, ב. אָרשאַנסקי, (ב. עלענזאָן, אר—סקי, ח. בער), און אַנד.

דער „אַלטער קאָמונאַר" (בערלין) האָט זיך אין „קאָמוניסט" געשעפּטיקט מיט דער איידעלער מלאכה פון צעשמעטערן דעם „בונד" און די אַנדערע ניט באָלשעוויסטישע פאַרטייען און דערצו זיינען אַלע מיטלען געווען כשר. באַזונדערס איז ער אַרויס מיט רוגזה קעגן דער טעטיקייט פון „בונד" אין אַרבעטער־ראַט, וואו דער „בונד" האָט געשאַפן אַ מערהייט קעגן טויטשטראָף אין רעקוויזיציעס.

אין די אָפּפירנדיקע קרייזן פון יידישן קאָמיסאַריאַט איז סוף־כל־סוף אויפגעקומען אַן אומצופרידנקייט מיט דער צייטונג און ס'איז באַשטימט געוואָרן אַהער אַריבערצופירן פון מינסק דעם „שטערן". דאָנערשטאָג דעם 3 אַפּריל איז אַרויס דער לעצטער נומער „קאָמוניסט" (נ' 74), וואו די „רעדאַקציע" גיט איבער איר מאַנדאַט דעם „שטערן".

---

„דער שטערן".—

זייער גרויסע טעגלעכע צייטונג. אָרגאַן פונם צענטראַלן קאָמיטעט פון דער קאָמ. פאַרטיי אין ליטע און ווייסרוסלאַנד און פונם הויפּט־קאָמיטעט פונם יידישן קאָמוניסטישן פאַרבאַנד. מיט דער לאָזונג־אויפשריפט אויבן: פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך. פרייטאָג דעם 4 אַפּריל איז אַרויס דער ערשטער נומער אין ווילנע (74 אין מינסק). — פּרייז פון איין נומער אין ווילנע און אין מינסק: 40 קאָפּ., אויפן וואָקזאַל און אין פּראָווינץ—50 קאָפּ.—רעדאַקטאָר: רעדאַקציאָנס־קאָלעגיע. אַרויסגעבער: צ. ק. פון דער ק. פּ. אין ל. און ווייסר. און פונם הויפּט־קאָמיטעט פון ייד. קאָמ. פאַרבאַנד.—די רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון ב. אָרשאַנסקי, ש. דימענטשטיין, פ. ליבערטע און קאַנטאָר.—שעף־רעדאַקטאָר איז געווען פ. ליבערטע און רעדאַקטאָר־סטיליזאַטאָר און טעכנישער אויספירער—א. קאַנטאָר. ער האָט געפירט די צייטונג אויסגעצייכנט. די שפּראַך איז אומעטום געווען אַ גוטע און פאָלקסטימלעכע, דער טאָן,—כמעט דורכאויס אַ ליטעראַרישער, הגם די צעשטערערישע פּאָליטיק האָט ניט אויפגעהערט. דאָ זיינען שוין געווען אַלע אָפּטיילונגען פון גרויסע רעזידענץ־צייטונגען, אַ רייכע אינפאָרמאַציע, ליטעראַטור לויט מעגלעכקייט. צדוק דאָלגאָפּאָלסקי (האָראָדאָקער,—אָנגעהויבן אין „לעבן און וויסנשאַפט" 1911), י. באַסקין א. אַ. האָבן געגעבן בעלעטריסטיק, לידער; ק. נעלסאָן (קאַצענעלסאָן)—פעליעטאָנען; ד. ב.—הומאָריסטישע פערזן, א. קאַנטאָר—קליינע פעליעטאָנען א. אַ. וו. א. מ. וועגן טעאַטער, ש. געגריך (שמחה טאָמסינסקי,—אָנגעהויבן אין דער „יודישער וועלט" 1915)—פאַרשיידענע אַרטיקלען („לידער וואָס באַגייסטערן"), 'אָרשאַנסקי—ביבליאָגראַפיע און אַנדערע אַרטיקלען.

די אָרטאָגראַפיע איז געווען פון „אונזער שטימע".

דער נומער 86 איז געווען דער לעצטער פון דער צייטונג, וואָס איז געגאַנגען סך־הכל צוויי וואָכן (פונם 4 אַפּריל ביזן 18).

---



„טאָג" — „אונזער טאָג".—

אומפּאַרטייאישע דעמאָקראַטישע צייטונג. אַלס שטענדיקע מיטאַרבעטער זיינען געווען אָנגעוויזן: ש. אַנ—סקי, א. י. גאָלדשמידט, מאַקס ווײַנרייך, פסח נאָוויק, שמואל ניגער, ז. סעגאַלאָוויטש, ד. קאַפּלאַנאָוויטש (Don), ז. רייזען, ד"ר צמח שאַבאַד א. אַנד. דער ערשטער אינעווייניקסטער רעדאַקטאָר פון „טאָג" איז געווען ש. ניגער. אָפיציעל האָט עס געהייסן: רעדאַקטור־קאָלעגיע. אַרויסגעבער: פאַרלאַג „פּרעסע". דרוקעריי: קליין־סטעפּן־גאַס 23 (ב. א. קלעצקין). אַבאָנעמענטס־פּרייז: 1 חודש 12 מאַרק 50 פעניג, 3 חדשים 37 מ. 50 פ., 6 חדשים 75 מאַרק. אַן איינצלנומער 50 פעניג—50 קאָפּ. פון נומ' 64 איז צוגעקומען די צושריפט: „ערלויבט דורך דער מיליטער־צענזור".

דער ערשטער נומער איז אַרויס ט אייר תרע"ט (9 מאַי 1919). די שטאָט האָט זיך נאָך געפונען אונטערן רושם פון די טרויעריקע פּאָגראָם־טעג פון אַפּריל; די אַטמאָספערע איז נאָך פול געווען מיט די גיפטיקע מיאַזמען פון בלוטיקע העצעס, שקר־בילבולים און מסירות, פון ווילדע צעבושעוועטע אינסטינקטן, וואָס האָבן איטלעכע רגע געקענט געפינען זייער באַפרידיקונג אין נייע בעסטיאַלישע אויסברוכן; די יידישע באַפעלקערונג איז נאָך אַלץ געווען איבערגעגעבן צו הפקרות, שפּאָט און שאַנד,—און אין רעזולטאַט פון דעם אַלעם האָט געהערשט אַ יאוש און אַן אָפּהענטיקייט אויף דער יידישער גאַס. איז אין אָט דעם פאַרצווייפלטן מאָמענט האָט שוין אין ערשטן נומער „טאָג" אויפגעשאַלט די מוטיקע שטים פון אַ ווילנער: „מיר מוזן קומען צו זיך!" האָט געמונטערט און גערופן צו אחדות אינם מאָמענט פון נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע, ווען אינם געראַנגל צווישן צוויי מלוכות „ווערן מיר פלוצלינג אַלע ערוב איינע פאַר די אַנדערע: אָרים און רייך, גרויס און קליין, אַלט און יונג, רעכט און לינק—אַלע ווערן מיר צונויפגעטריבן, צונויפגעיאָגט אין איין קופּע. מיר ווערן אויס עדה, אויס מענטשן. מיר ווערן אַ טשערעדע שאָף, שטומע שעפּעלעך, וואָס ווערן געפירט צו דער שחיטה—פאַר אַ קרבן—אָן אַ ברכה, אָן אַ זין"... אין דער צייט פון דער מלחמה איז חרוב געוואָרן אונזער עקאָנאָמיש לעבן, „אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער דיקטאַטור איז חרוב געוואָרן אונזער געזעלשאַפטלעך לעבן. עס מוז אָבער ווערן אויפגעשטעלט צוריק!"... מיר מוזן אויפשטיין צו בויען און אָפּבויען אונזער לעבן, אונזער נאַציאָנאַל לעבן... „מיר מוזן קומען צו זיך!" דאַן האָט מען פלוצלינג דערזעען די ווירקונג פון דער פּרעסע אויפן לעבן.

דער „טאָג" האָט אין די הויפּט־יסודות ממשיך געווען די אַרבעט פון די „לעצטע נייס": האָט זיך אײַנגעשטעלט פאַרן יידיש־נאַציאָנאַלן כבוד, איז געשטאַנען אויף דער וואַך פון די מאַטעריעלע און גייסטיקע אינטערעסן פון פאָלק, האָט געאַרבעט פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער קולטור און האָט רעאַגירט אויף אַלע עוולות, וואָס זיינען אין יענער טרויעריקער צייט באַגאַנגען געוואָרן קעגן יידן.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ווילנע איז געווען אויסערסט שלעכט און דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויך אויף דעם מצב פון דער צייטונג. זי האָט געליטן מאַטעריעלע נויט, איז שטענדיק געווען געצוואונגען צו זוכן אַ פינאַנסיסט אָדער אַ מעצענאַט—האָט דאָס גורם געווען צו כסדרדיקע פאַרקירצונגען און שינויים אין די יסודות פון דער אונטערנעמונג.

לכתחילה איז די צייטונג אַרויסגעגעבן געוואָרן פון אַ קליינער גרופּע דעמאָקראַטישע טוער. איינער פון זיי, יונה שאַפּיראָ, האָט אונטערגעשריבן די צייטונג פון נומער 8 אָן. פון נומער 79 האָט די דאָזיקע גרופּע אַראָפּגענומען פון זיך יעטווידע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער פינאַנסירונג פון דער צייטונג, און

דער „טאָג“ האָט זיך אָרגאַניזירט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. אַלס אַרויסגעבער איז אונטער דער צייטונג געווען אונטערגעשריבן ״קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „טאָג“ און פון נומער 116 איז צו דער דאָזיקער אונטערשריפט צוגעקומען די הוספה ... „אין דער פּערזאָן פון חיים חאַזאַן״.

אויך אין דעם צוזאַמענשטעל פון דער רעדאַקציע זיינען פאָרגעקומען ענדערונגען. צוערשט האָט די צייטונג פאַרלאָרן איינעם פון אירע גרינדער און טרייסטע פריינד, ש. אנ—סקי, וועלכער איז דעם 13־טן יוני צוליב זיין שוואַכן געזונט אַוועקגעפאָרן קיין אָטוואָצק. סוף אַווגוסט האָט ווילנע פאַרלאָזט דער רעדאַקטאָר פון „טאָג“ ש. ניגער, וואָס איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. אויך מאַקס וויינרייך, איינער פון די נאָענטסטע מיטאַרבעטער, איז שוין צו יענער צייט אין ווילנע ניט געווען. טיילווייז פלעגן זיך די דאָזיקע שינויים אָפּשפּיגלען אויף דער אונטערשריפט פון דער צייטונג. די דאָזיקע אונטערשריפט פלעגט אָפּט זיין אַ נאָמינעלע. די ערשטע 37 נומערן האָט די צייטונג אונטערגעשריבן א. קריניצאַ, פון נומער 38—ש. טשאַרני (ש. ניגער), פון נומער 88—ז. רייזען, פון נומער 107—דער זעצער ישראל לעווין.

פון אַזעלכע שינויים איז אָבער די מאַטעריעלע לאַגע פון דער צייטונג ניט בעסער געוואָרן. אַלע, וואָס האָבן געאַרבעט ביי דער צייטונג, אָנהייבנדיק פון די רעדאַקטאָרן און אויסגעלאָזט מיט די זעצער, פלעגן באַקומען אַ הונגערלוין. מאַנכע פלעגן ניט אויסהאַלטן און פאַרלאָזן די צייטונג, אַזוי, איז פּ. נאָוויק פּסח־צייט 1920 אַוועק פון „טאָג“ אין דער וואַרשעווער בונדישער „פאָלקס־צייטונג“ (שפּעטער האָט ער אינגאַנצן פאַרלאָזט פּוילן און איז אַוועקגעפאָרן אין זיין צווייטער היים—ניו־יאָרק, וואו ער איז איצט אַ מיטאַרבעטער פון דער „פרייהייט“). אויף זיין אָרט איז אַריין יוסף בעקער, אַ געוועזענער מיטאַרבעטער פון „דער פריינד“—„דאָס לעבן“ אין וואַרשע.

די סיכסוכים אין קאָאָפּעראַטיוו „טאָג“ זיינען געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער. פּונקט ווי אין די „לעצטע נייס“, האָט מען אין „טאָג“ אויך גענומען שטרענג פאָדערן אַ „בעל־הבית“, ביז דער קאָאָפּעראַטיוו האָט אויך דאָ סוף־כל־סוף געפּלאַצט, די מיטאַרבעטער זיינען געצוואונגען געוואָרן צו ווערן די „בעלי־בתים“ און—פון נומער 145 (340) (1 יולי 1920) האָט זיך שוין באַוויזן אַ נייע אונטערשריפט: רעדאַקטאָר ז. רייזען און אַרויסגעבער ד. קאַפּלאַנאָוויטש. די אָרימקייט איז געווען גרויס, ס'האָט פאַרפעלט פּאַפּיר, האָט מען אָנגעהויבן קויפן פּאַפּיר פון סאַמע ערגסטן סאָרט, נאָכדעם קאָלירטע פּאַפּיר און אין דער זעלביקער צייט האָט מען גענומען דרוקן האַלבע נומערן (צוויי עמודים). אַזוי האָט עס זיך געצויגן דעם גאַנצן חודש יולי, ד. ה. די צוויי אומרואיקע וואָכן ביזן 14־טן און אויך די איבעריקע ווידער אומרואיקע צייט נאָכן 14־טן, ווען די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען ווילנע, ביזן 2־טן אַווגוסט, ווען דער „רעווקאָם“ האָט פאַרמאַכט דעם „בורזשואַזן“ „קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן“ „טאָג“ אויפן נומ. 172 (367).

צוריק האָט דער „טאָג“ אָנגעהויבן אַרויסגיין ערשט פאַר די ליטווינער—נומער 173 (368) (31 אַווגוסט 1920)—ווידער אויף קאָלירטן פּאַפּיר, אָבער שוין גאַנצע נומערן (4 עמודים). פון מיטן יוני אָן, ווען ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט די „יידישע צייטונג“ (זע ווייטער), איז דער „טאָג“ געווען די איינציקע יידישע צייטונג אין ווילנע. פאַר די ליטווינער איז זיין מאַטעריעלער מצב עטוואָס בעסער געוואָרן, הגם נאָך אַלץ גענוג ניט באַפרידעוודיק. דעם 8 אָקטאָבער 1920 האָט זיך אָנגעהויבן דאָס בהלהדיקע לויפן פון די ליטווינער פון ווילנע, און אין דעם טאָג איז אויך אַרויס דער לעצטער נומער טאָג—(390) 195. אינטערעסאַנט: סיי דער ערשטער יאָרגאַנג סיי דער צווייטער זיינען, נאָך אַלע פּעריפּעטיעס ווייטער, באַשטאַנען פון 195 נומערן יעדערער.

פרייטאָג ג' חשון תרפ״א (15 אָקטאָבער 1920), שוין פאַר „מיטל־ליטע“, איז באַנייט געוואָרן דער „טאָג“, אָבער שוין אונטער אַ נייעם נאָמען

## „אונזער טאָג“.—

פאַר רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער איז געווען אונטערגעשריבן ש. גאָרדאָן. מ'איז אַרויס פון קלעצקינס דרוקעריי און אַריבער אין אַ קלענערער, אַ ביליגערער. דער אַבאָנעמענטס־פּרייז איז שוין געווען 125 מאַרק אַ חודש אָדער 5 מאַרק אַ נומער און דער פּרייז איז וואָס ווייטער, אַלץ מער געשטיגן פּאַראַלעל מיטן שטייגן פונם יקרות אַזוי, אַז ער האָט סוף זומער 1922 דערגרייכט 100 מאַרק אַן עקזעמפּלאַר.

אין משך פון פערטהאַלבן חדשים, ביזן 1־טן פעברואַר 1921, איז „אונזער טאָג“ אַרויסגעגאַנגען כסדר אויף ביליגן, גאַנץ אָפּט זייער דינעם אָדער זייער גראָבן, קאָלירטן פּאַפּיר: גרינעם, בלויען, געלבן, ראָזן, גרויען, אַשפּאַרביקן, זאַמדפאַרביקן און שוואַרצלעך־גרינעם. אויך נאָכדעם האָבן זיך ניט זעלטן דורכגעוואָרפן די דערמאָנטע פאַרבן.

צום ערשטן יאַנואַר 1921 איז שוין געווען אַרויסגעטראָטן פון רעדאַקציע דן קאַפּלאַנאָוויטש, וואָס איז אַריבער אינם נייגעעפנטן ציוניסטישן „אונזער פריינד“.

פון 1 פעברואַר זיינען אַלס רעדאַקטאָרן־אַרויסגעבער אונטערגעשריבן י. בעקער און ז. רייזען. אָנהייב מאַי איז בעקער אַוועקגעפאָרן און פון נומער 104 איז פאַר רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער אונטערגעשריבן ז. רייזען.

מן הצד האָבן זיך באַטייליקט אין „טאָג“—„אונזער טאָג“ פאָלגנדיקע ליטעראַטן, זשורנאַליסטן און געזעלשאַפטלעכע טוער: הירש אַבראַמאָוויטש, שלום אַש, אברהם איוועניצקי, דוד איינהאָרן, ד״ר בירזאָווסקי, ש. באַסטאָמסקי, א. בולקין, מנחם באַלבערישסקי, משה בראָדערזאָן, קינסטלער ב. גאָטלער, ד״ר א. גאָלדבורט, א. גאָלאָמב, א. י. גאָלדשמידט, מ. גאָנצער, ד״ר מ. גליקסמאַן, א. י. גראָדזענסקי, פּ. היילפּערן, פּרץ הירשביין, ד״ר י. וויגאָדסקי, ד״ר א. ווירשובסקי, אברהם זאַק, בערנאַרד זינגער (ד. משורר, רעגניז), ד״ר ל. חייט, ק. טעפּער, יהואש, יוסף יאַשונסקי (בן־חיים), ה. לונסקי, ד״ר א. מאַקאָווער, א. מאָרעווסקי, פּסח מאַרקוס, פּרץ מאַרקיש, ה. מלמד, ד״ר א. מוקדוני, ל. ניידוס (לידער פון זיין ירושה), מ. סאָלאָוויי, ריכאַרד ערליך (בערלין), ג. פּלודערמאַכער, א. פרידקין, י. פּאַט, צביון, ש. ל. ציטראָן (נאָכדעם ווי ער איז אַרויס פון דער „יידישער צייטונג“ און ניט אַריין אין „אונזער פריינד“), ברוך צוקערמאַן, אַלטער קאַציזנע, ד״ר ה. קאָוואַרסקי, ד. קאַפּלאַן־קאַפּלאַנסקי, משה קולבאַק, מ. קריין (דרום־אַפריקע), חנה ראָזין, מלך ראַוויטש, ישראל רובין (כעזין), בן־ציון רובשטיין, מנחם רודניצקי, אברהם רייזען, שרה רייזען, יונה שאַפּיראָ, מ. ב. שניידער (היסטאָרישע נאָטיצן), י. א. שאַפּיראָ (לערער), אסתּר שומיאַטשער, מ. שור א. אַנד.

אינווייניק אין דער צייטונג האָבן צו פאַרשיידענע צייטן נאָך מיטגעאַרבעט יוסף ציפּקין, ישעיה ראַזאָווסקי, אַדוו. בועז וואָלפסאָן, שבולת, ש. דרייער, ענסקי (נ. קאַסטעליאַנסקי), י. רייסקי און יונה שפּער.

אין יוני 1922 האָט מען געמאַכט אַ סוף צו דער טומלדיקער טאָפּלטער נומעראַציע און מ'האָט איינגעפירט די נומעראַציע אָנהייבנדיק פון ערשטן נומער „טאָג“. ביזן 1־טן יולי 1922 זיינען אַרויס צוזאַמען 907 נומערן פון „טאָג“ — „אונזער טאָג“. איצט האַלט ער אין פערטן יאָרגאַנג.

דער „טאָג"—„אונזער טאָג" איז די גאַנצע צייט געשטאַנען געטריי אויף זיין פּאָסטן פון אַ שופר פאַר דער מאָדערנער יידישער נאַציאָנאַלער קולטור און ווי אַ שומר פון די „לעבעדיקע אינטערעסן פונם לעבעדיקן יידישן פאָלק", ווי ס'האָט אָפּט ליב אויסצודריקן זיך ז. רייזען, וואָס איז דער סאַמע כאַראַקטעריסטישער אויסדריקער פון די ליטעראַרישע, זשורנאַליסטישע, געזעלשאַפטלעכע און בכלל נאַציאָנאַל=קולטורעלע אידעאַלן פון זיין אָרגאַן. אַ באַזונדערע באַדייטונג האָט דער „טאָג"—„אונזער טאָג" נאָך אויפן געביט פון יידישער שפּראַך, וואָס רייזען איז איר אומדערמידלעכער שלייפער דאָרטן, און נאָכמער אויפן געביט פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע, וואָס רייזען איז געוואָרן פשוט איר געזעצגעבער. ער האָט אין זיין צייטונג קאַטעגאָריש איינגעפירט, דורכגעפירט און פאַרפעסטיקט די נייע יידישע אָרטאָגראַפיע. אויך פאַר דער נייער יידישער שול האָט „אונזער טאָג" גרויסע פאַרדינסטן.

בקיצור, דער „טאָג"—„אונזער טאָג" האָט ביז אַהער געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט דאָ פאַר די לעצטע שטורימדיקע און אומרואיקע דריי יאָר בכלל און אין דער פאַרפעסטיקונג דאָ פון דער יידישער (בעסער פאַרשטאַנענער) מאָדערנער קולטור בפרט.

די רעדאַקציע פון „אונזער טאָג" האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן זאַמלבוך—

„אונזער טאָג" פאַר אַמעריקע. —

זאַמלבוך. ספּעציעלע אויסגאַבע פאַר אַמעריקע, וואוהין ס'זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן (דורך די דעלעגאַטן פון „הילפס=קאָמיטעט פון די ווילנער לאַנדסלייט אין ניו=יאָרק", ד"ר דרוסקין און דוד קאַץ די מאַטריצן, כדי דעם מאַטעריאַל דאָרטן איבערצודרוקן פאַרן דאָרטיקן יידישן עולם. די זאַמלונג איז אַרויס אין ווילנע אין אדר ב' תרפ"א—מערץ 1921. פּרייז 100 מאַרק.—אין אַ ריי באַלויכטנדיקע אַרטיקלען, איבערבליקן, אויספירלעכע באַריכטן מאַכט דאָס ביכל באַקאַנט דעם אַמעריקאַנישן יידישן קיבוץ מיט ווילנע אַמאָל און מיט ווילנע היינט; מיט ווילנע בעת דער מלחמה און בעת די אָקופּאַציעס, מיט אירע יידישע עקאָנאָמישע, געזעלשאַפטלעכע, מעדיצינישע, קולטורעלע און וואוילטעטיקע מוסדות, מיט דער פּאָליטישער לאַגע פון די יידן אין דעם קאַנט און זייערע באַציאונגען מיט די היגע נאַציאָנאַליטעטן. דער ציל פון דער אויסגאַבע איז געווען אויפמערקזאַם צו מאַכן די יידישע אמעריקע, וואָס זי דאַרף טאָן פאַר ווילנע. אינם זאַמלבוך האָבן זיך באַטייליקט: ה. אַבראַמאָוויטש, י. בעקער, א. י. גאָלדשמידט, ד"ר י. וויגאָדסקי, בועז. וואָלפּסאָן, דוד'ל, „Don", חיים לעווין, ח. לונסקי, יעקב פּאַט, א. פרידקין, ש. ל. ציטראָן, י. רובין, ז. רייזען, ד"ר צמח שאַבאַד, משה שאַליט, יונה שאַפּיראָ, און אַנדי.

---

„יידישע צייטונג". —

ערשיינט טעגלעך. פּרייז פון אַ נומער 50 קאָפּ.=50 פעניג.—דער ערשטער נומער איז אַרויס צוגלייך מיטן „טאָג"—פרייטאָג ט' אייר תרע"ט (9 מאַי 1919). פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר: ד"ר יעקב וויגאָדסקי, פון נומער 4—ליב יפה. אַרויסגעבער: ווילנער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע.—די ערשטע זעקס נומערן זיינען אַרויס אין אַ קליינעם צייטונגס=פאָרמאַט. פון נומער 7 האָט די צייטונג אָנגעהויבן אַרויסגיין אין אַ גרויסן פאָרמאַט. אַלס מיטגלידער פון דער רעדאַקציע זיינען געווען אָנגעוויזן: ד"ר י. בערגער, ד"ר י. וויגאָדסקי, ד"ר ה. ייבין, ח. לעווין, ש. ל. ציטראָן, ד"ר יוסף רעגענסבורג און משה שאַליט. שעף=רעדאַקטאָר איז געווען ל. יפה און רעדאַקטאָר=סטיליזאַטאָר—מ. שאַליט. י. ח. ראָזנבוים איז אַריין אין דער „יידישערצייטונג" אַלס טעכנישער אויספירער אָדער אַרויסלאָזער פון דער צייטונג.

די ערשטע נומערן פון דער יידישער צייטונג זיינען, פּונקט ווי די ערשטע נומערן פון „טאָג", געווען געווידמעט די אומשולדיק=אומגעקומענע קדושים פון די ניסן=טעג בכלל און א. ווייטערן בפרט. ערב שבתים און ימים טובים פלעגט די „יידישע צייטונג", ווידער פּונקט ווי דער „טאָג", געבן אַ פאַרגרעסערטן נומער מיט אַ ליטעראַרישן אינהאַלט.

די ערשטע 70 נומערן ביזן 1=טן אַווגוסט זיינען אַרויסגעגאַנגען אויף גוטן פּאַפּיר, נאָכדעם—כמעט כסדר אויף שלעכטן פּאַפּיר. די מאַטעריעלע לאַגע פון דער „ייד. צ." איז אויך געווען ניט קיין גלענצנדיקע. ליטעראַריש איז זי געווען גאַנץ גוט אַוועקגעשטעלט.

נאָכדעם ווי לייב יפה איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ=ישראל, איז אַלס שעף=רעדאַקטאָר אָנגעגעבן געוואָרן ד"ר רעגענסבורג (פון נומער 112, דעם 16 סעפּטעמבער). באַלד איז אַרויס פון רעדאַקציע משה שאַליט און זיין שטעל האָט פאַרנומען ש. ל. ציטראָן. ביז יאַנואַר 1920 זיינען אַרויס 195 נומערן און דער צווייטער יאָרגאַנג האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ טאָפּלטער נומעראַציע, צוליב אַ סיכסוך צווישן ש. ל. ציטראָן און דער קאָנטאָר איז ער צום נייעם יאָר אַרויס פון רעדאַקציע. דאַן זיינען אין רעדאַקציע אַריין נייע מענטשן, ניט קיין זשורנאַליסטן=פּראָפעסיאָנאַלן, און די אַרבעט אין רעדאַקציע איז אַוועק זייער שלעכט. די ליטעראַרישע זייט האָט געליטן. די צייטונג האָט געניכוועט אין אַלע פּונקטים, הן מאַטעריעל, הן גייסטיק. פון מערץ 1920 אָן האָט זי אָנגעהויבן גיין אויף פּאַפּיר פון ערגסטן סאָרט און שלעכטע קאָלירן, ביז זי האָט זיך אין יוני פאַרמאַכט אויפן נומער (319) 124. די סיבה פונם פאַרמאַכן זיך פון דער צייטונג איז געווען אַ שטרייק פון די זעצער, וואָס די קאַנטאָר האָט ניט נאָכגעגעבן זייערע עקאָנאָמישע פאָדערונגען.

---

„די רויטע פאָן". —

אָרגאַן פון צ. ק. פון דער „קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ליטע און ווייסרוסלאַנד". רעדאַקטאָר מ. ראַפּעס, אַרויסגעבער צ. ק. פון דער קאָמ. פּאַרטיי פון ליטע און ווייסרוסלאַנד. איבערן קעפּל—דעוויז: פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט אייך!—פּרייז 3 רובל.

דער ערשטער נומער איז אַרויס אין ווילנע זונטאָג דעם 1 אַווגוסט 1920. די מעשה מיט דער צייטונג איז זייער אינטערעסאַנט. אַז די רויטע אַרמיי פון גאַי איז דעם 14 יולי 1920 אַריין אין ווילנע, האָט דער תיכף געשאַפענער „רעווקאָם" געעפנט אַ רוסישע צייטונג „קראַסנאָיע זנאַמיע" און האָט באַלד געעפנט אָדער געמאַכט הכנות צו עפענען צייטונגען אויף די שפּראַכן פון אַלע היגע נאַציאָנאַליטעטן, חוץ—יידיש. דאַן האָבן די יידישע אַרבעטער פון ק. פּ. געבעטן אויך אַ יידישע צייטונג,—האָט מען זיי געענטפערט, אַז זיי האָבן דאָך שוין פאַר זיך אַ צייטונג—די „קראַסנאָיע זנאַמיע". האָבן זיך די דאָזיקע אַרבעטער געמוזט ווענדן צו—שתדלנות. זיי האָבן געבעטן דעם ניט=קאָמוניסט קאַנטאָר, וואָס האָט אַמאָל געאַרבעט אין „שטערן" (און שפּעטער אַ געוויסע צייט אין „טאָג"), ער זאָל זעען איבערצייגן די „מנהיגים" אין דער נייטיקייט פון אַ יידישער צייטונג. און ער האָט טאַקע געפועלט. ער איז אגב אויך געוואָרן דער סטיליזאַטאָר און טעכנישער אויספירער פון דער געעפנטער צייטונג. אינם לייט=אַרטיקל אין ערשטן נומער מעלדעט די רעדאַק=

ציע (ראַפּעס), אַז די צייטונג האָט ניט אין זינען קיין שום יידישע אינטערעסן, אַז אַזוינע זיינען גאָר ניטאָ, אַז זי איז קעגן 'עטווידער פאַרגאַנגענהייט, אַז י י ד י ש א י ז ב ל ו י ז אַ מ י ט ל, און אַ צ י י ט ו ו י י ל י ק ע ר מ י ט ל, דאָס הייסט אַזוי לאַנג, ווי לאַנג די יידישע אַרבעטער קענען נאָך ניט קיין אַנדער שפּראַך. די צייטונג האָט געפירט אַן אַכזריותדיקן קאַמף קעגן „בונד". זי, די צייטונג, האָט געמאָלדן, אַז פּונקט ווי „ספּאַרטאַקוס" האָט צע־בראָכן די גרויסע דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטייען, אַזוי וועלן אויך די קאָמוניסטן צעשמעטערן דעם „בונד", וואָס „איז דורך און דורך צעפוילט". און די צעשטערערישע אַרבעט האָט זיך דווקא איינגעגעבן. צוויי אויפגאַבן זיינען געשטאַנען אויפן סדר־היום פון דער צייטונג: שפּאַלטן דעם „בונד" און שאַפן „אַ רויטע ליטע", — האָט דאָס לעצטע געמעגט אפשר זיין קעגן דער אָפיציעלער פּאָ־ליטיק פון מאָסקווע.

דער לעצטער נומער (20) איז אַרויס מאָנטאָג דעם 23 אַוו־גוסט, מיט עטלעכע טעג פאַרן אָפּטרעטן פון ווילנע. אַגב איז די צייטונג אָפּגעשטעלט געוואָרן פאַר דער צייט מחמת עפּעס אַ געלט־סיכסוך מיט די אַרבעטער.

די אָרטאָגראַפיע איז געווען די נייע, מיט דער יידישער אויסלייגונג פון די העברעאישע ווערטער.

---

### „נ י י ס". —

אומאָפּהענגיקע ווילנער צייטונג. ערשטער יאָרגאַנג. פּרייז 3 מאַרק. פאָרמאַט — פון אַ גרעסערן וואָכנזשורנאַל. אַרויסגעבער: קאָלעקטיוו אין דער פּערזאָן פון מ. זאַלצבערג. ערלויבט פון דער מיליטער־צענזור. דרוקעריי ב. ציונסאָן און קאָמפּ. טראָקער 13. רעדאַק־טאָר־אַרויסגעבער: מ. זאַלצבערג (געאַרבעט פאַרן דייטש אין „ווילנער צייטונג" און נאָכדעם אַלס רעפּאָרטער פון די „לעצטע נייס"). דאָס בלעטל איז געווען אַ קאָאָפּעראַטיוו פון די דרוקער (ב. ציונסאָן, שמריהו רייטלער און נתן יפה) און פון די זשורנאַ־ליסטן (דוד בערעזאָווסקי (דודל), מ. זאַלצבערג, חיים לעווין און אברהם קריניצאַ). דער ערשטער נומ' איז אַרויס 5 נאָוועמבער 1920. דאָס בלעטל האָט צוגעזאָגט צו זיין אַ נישקשהדיקס, אָבער — דער „קאָאָפּעראַטיוו" האָט ניט אויסגעהאַלטן אפילו קיין דריי וואָכן און „נייס" האָט זיך צוגעמאַכט אויפן 17־טן נומער (דעם 24 נאָוועמבער).

---

### „א ו נ ז ע ר פ ר י י נ ד". —

טעגלעכע צייטונג, אָרגאַן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פאַר ווילנע־ליטע. ערשטער נומער אַרויסגעגאַנגען כט טבת תרפ"א — 9 יאַנואַר 1921. אונטערגעשריבן: רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער: רעדאַקציאָנס־קאָלעגיע. ערלויבט דורך דער מיליטער־צענזור. פון נומער 2 אָן איז אונטערגעשריבן: רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער: משה כהן. און אַזוי איז עס שוין פאַרבליבן אָן שינוים. מיטגלידער פון דער רעדאַקציע: משה כהן, חיים לעווין, ד. קאַפּלאַנאָוויטש, שבולת, ש. שאַראַפּאַן. נאָענטע מיטאַרבעטער: ד"ר י. וויגאָדסקי, נ. גערבאָווסקי, פסח שיפּמאַן, יצחק ברוידעס, אברהם לעוו, מנחם רודניצקי, מ. י. נאַדעל, מ. ב. שניידער, ד"ר יוסף רעגענסבורג, נ. פראַנק, דוד כהן און אַנדערע.

אין משך פון ערשטן יאָרגאַנג (1921) זיינען אַרויס 293 נומערן, פון צווייטן יאָרגאַנג (1922) זיינען ביזן 1־טן יולי אַרויס 150 נומערן און די צייטונג גייט ווייטער. דאָס איז דער ערשטער פאַקט, ווען אין ווילנע גייען אַרויס צוויי יידישע טעגלעכע צייַ־טונגען אין איין צייט („אונזער טאָג" און „אונזער פריינד") און ביידע האָבן אויסגעהאַלטן אָנדערהאַלבן יאָר און גייען ווייטער

(די „יידישע צייטונג" אין דער תקופה פון „טאָג" האָט געלעבט סך־הכל עפּעס מער ווי אַ יאָר).

---

### „ד ע ר נ י י ע ר מ אָ ר ג ן". —

טעגלעכע צייטונג. רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער: י. קראָנענבערג. קאָ־אָפּעראַטיווע דרוקעריי, גדאַנסקע (נייע גאַס) 3. דער ערשטער נומער איז אַרויס פרייטאָג, דעם 11־טן מערץ 1921 יאָר. אַרויס־געגעבן געוואָרן איז די צייטונג מיט דער כוונה צו שאַפן אין ווילנע אַ „פּוילישע אָריענטאַציע".

לכתחילה האָט די פינאַנציעלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער צייטונג געטראָגן דער פירער פון די פּוילישע דעמאָקראַטן־פעדעראַליסטן לודוויק כאָמינסקי. שפּעטער אָבער, ווען ה' קראָנענ־בערג האָט שטאַרק אויפגעבראַכט קעגן זיך די יידישע געזעלשאַפט־לעכע מיינונג, האָט כאָמינסקי, לויט דער עפנטלעכער אויפפאָדע־רונג פון רעדאַקטאָר פון „אונזער טאָג", ז. רייזען, ערקלערט אין זיין אָרגאַן Gazeta Krajowa, אַז ער האָט שוין מער קיין שייכות ניט צו דעם „נייעם מאָרגן". פון אַ פּאָלעמיק אין די פּוילישע צייטונגען, בעת אַ ק מף קעגן דעם דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פאַר אינווייניקסטע ענינים אין מיטלליטע ה' סיענקעוויטש קען מען דרינגען, אַז געלט אויף קראָנענבערגס אַנטערפּריזע האָט געגעבן פּאָלקאָווניק טופּאַלסקי, דער דעלעגאַט פון דער פּוילישער רעגי־רונג אין ווילנע.

פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזאַ מין צייטונג, ווי „דער נייער מאָרגן", וועלכע האָט גענומען אויף זיך צו פאַלסיפיצירן די יידישע עפנטלעכע מיינונג אין דעם פּויליש־ליטווישן קאָנפליקט וועגן דעם גורל פון ווילנער קאַנט, האָבן זיך באַטייליקט בלויז אַנשי בלי שם. דער רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער אַליין פלעגט אונטער זיין אייגענעם נאָמען און אונטער די פּסעוודאָנימען י. שימענזאָן, ד"ר פויגלזאָן א. אַנד. אָנפילן די צייטונג מיט אַרטיקלען, נאָוועלן, שירים, פע־ליעטאָנען, זכרונות און אַלץ — פון צווייפלהאַפטן סאָרט. ער פלעגט אויך איבערדרוקן אויף רעכטס און אויף לינקס פון די אַנדערע יידישע צייטונגען, פאַרשטייט זיך — אָן ערלויבעניש פון די מחברים.

עס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן. דער ווילנער ייד האָט די צייטונג אין האַנט ניט געוואָלט נעמען, הגם זי איז געווען צוויי מאָל אַזוי ביליג ווי „אונזער טאָג" און אָנדערהאַלבן מאָל — ווי „אונזער פריינד". דאַן האָט „דער נייער מאָרגן" אָנגעהויבן צו ערשיינען אַלס אָוונטבלאַט און דאָס האָט דער צייטונג געגעבן אַ שטיקל טיראַזש. אָבער וואָס ווייטער האָט זי זיך אַלץ מער און מער קאָמפּראָמיטירט, ביז אירע געלטגעבער האָבן איינגעזען, אַז ס'איז אַ ברכה לבטלה, און קראָנענבערג האָט געמוזט פאַרמאַכן זיין צייטונג אויפן 138־סטן נומער (דעם 25־סטן אַווגוסט 1921), נאָכדעם ווי ער האָט אַזוי פּאָמפּעז געפייערט דעם הונדערט־נומער־דיקן יובילעי פון „נייעם מאָרגן".

אַלס זייגעזונט די ווילנער יידן האָט קראָנענבערג נאָכן שליסן זיין טאָגבלאַט אַרויסגעגעבן 1 נומער פון אַ וואָכנבלאַט „דער אמת", וואָס האָט געמעגט קאָנקורירן מיט אַ ענדעקישער צייטונג אין דער שטעלונג בנוגע די ווילנער יידן.

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט די קאַריערע פון י. קראָנענ־בערג, וועלכער איז פאַרשוואונדן, פון וואַנען ער איז געקומען.

---

## III. וואָכנבלעטער.

אַחוץ די טעגלעכע צייטונגען, וואָס אַרויסגעבן זיי אין ווילנע איז שטענדיק פאַרבונדן געווען מיט די גרעסטע מאַטעריעלע

שוועריקייטן, זיינען אַרויסגעגאַנגען אַ גאַנצע ריי וואָכנבלעטער, דאָס רוב אָרגאַנען פון פּאָליטישע ריכטונגען, זעלטענער — ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע. איך וויל זיי פאַרצייכענען אין כראָנאָלאָגישן סדר:

### „אונזער עתיד". —

אַ ליטעראַריש־געזעלשאַפטלך וואָכנבלאַט. — אָרגאַן פון די „צעירי ציון" אין ליטע. — אַבאָנעמענטס־פּרייז: אַ פערטל יאָר 7 מאַרק 50 פעניג, אַ האַלב יאָר 15 מאַרק. — דער ערשטער נומער איז אַרויס ט׳ תמוז תרע״ח — 19 יוני 1918, דער לעצטער, נומער 19 — ט׳ כסלו תרע״ט — 13 נאָוועמבער פונם זעלביקן 1918.

אַלס אָפיציעלער רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער איז געווען אונטערגעשריבן מאיר שיבה און די אייגנטלעכע רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון ש. ל. ציטראָן און מ. שאַליט. — סטיליזאַטאָר און טעכנישער אויספירער איז געווען ה׳ מ. שאַליט. — אַחוץ אַ סך טעאָרעטישע ציוניסטישע אַרטיקלען, האָט ער נאָך פאַרעפנטלעכט אינם זשורנאַל אַ ריי אַרטיקלען וועגן דער צוקונפט פון די יידן אין ליטע, וועגן מענטשן און ביכער און האָט געפירט די אָפּטיילונג „פּרעסע". ש. ל. ציטראָן האָט געגעבן היסטאָרישע און ליטעראַרישע אַרטיקלען, שטימונגען און נאָטיצן. אַחוץ דעם האָבן זיך אינם זשורנאַל באַטייליקט: מ. מ. אוסישקין, יחזקאל אייזנבערג, א. מ. בערנשטיין, ל. גאָרפינקל (די יידישע אַווטאָנאָמיע אויף אוקראַינע), מ. גראָסמאַן, ד״ר י. וויגאָדסקי, ד״ר א. ווירשובסקי („די פּסיכיאַטרישע עטיודן פון י. ל. פּרץ"), י. ל. טורבאָוויטש, א. כ״ץ, חייקל לונסקי, אריה לייב ליפשיץ, א. מזל, אליהו סגל, נתן סטאָלניץ, י. סירקין, ה. פראַנק, א. פרידקין, ד״ר א. קליאַטשקאָ, ש. ראָזנבוים און מ. שיבה. צוליב אינעווייניקסטע רייבונגען האָט דער זשורנאַל גענומען גיין וואָס ווייטער אַלץ שווערער, ס׳האָבן פינאַנסן פאַרפעלט און נאָך אַ משך פון פינף חדשים האָט ער זיך געמוזט אָפּשטעלן.

---

### „די וואָך". —

אַ וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור און קולטור־פראַגן. רעדאַקטאָרן־אַרויסגעבער: א. ווייטער און ש. ניגער. אינגאַנצן זיינען אַרויס פיר ביכלעך (8 יאַנואַר — 8 פעברואַר 1919). פאָרמאַט פון אַ חודש־זשורנאַל, צו 32 צווייִשפּאַלטיקע עמודים אין יעדן ביכל.

דאָס איז געווען אַ שיינער וועכנטלעכער ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכער זשורנאַל. ש. ניגער, וואָס איז געקומען פון רוסלאַנד קיין ווילנע דעם 25 נאָוועמבער 1918 מיט דער דעה צו באַזעצן זיך דאָ, און א. ווייטער, וואָס איז אויך פון דאָרטן געקומען אַהער מיט צוויי טעג שפּעטער, אויך מיט דער זעלביקער דעה, זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט דער כוונה פון בויען און אָפּבויען די יידישע קולטור (ברייט גענומען) נאָך איר אומגעהייער גרויסן חורבן דורך דער וועלט־מלחמה און אירע נאָכווייעניש.

מיט דעם געדאַנק וועגן בויען און שאַפן זיינען געווען דורכגעדרונגען די אַרטיקלען פון די רעדאַקטאָרן אינם זשורנאַל. ווייטער האָט אַחוץ דעם אין דער „וואָך" אָפּגעדרוקט אַ קאַפּיטל פון זיין לעצטער ערציילונג „ביים שאַמאַן" (די איבעריקע קאַפּיטלען זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען שביעי של פסח תרע״ט) און זיין בעסטע איינאַקטיקע דראַמע „אַן אומגליק", ווי אויך איבערזעצונגען פון שאַרל באָדלער און פּעטער אַלטענבערג. וועגן פּעטער אַלטענבערג ווידער, ווי אויך וועגן לייב ניידוס האָט ניגער געגעבן אָפּהאַנדלונגען. — ש. אַנ—סקי, וואָס איז געקומען פון רוסלאַנד קיין ווילנע דעם 6 אָקטאָבער 1918, האָט אינם זשורנאַל פאַרעפנטלעכט קאַפּיטלען פון זיין בוך „דער חורבן פון פוילן און גאַליציע", אויך אַן אַרטיקל „אוניווערסיטעט און פאָלק", געווידמעט דער קולטור־ליגע, וואָס ער האָט צוזאַמען מיט ש. ניגער געגרינדעט אין ווילנע. ש. ל. ציטראָן האָט געגעבן זכרונות וועגן ב. באָראָכאָוו (צו זיין ערשטן יאָרצייט) און אַ אינטערעסאַנטן אַרטיקל „די ערשטע יידישע סאָציאַליסטן אין דער העברעאישער ליטעראַטור". ז. רייזען האָט געמאַכט אַ רושם מיט זיין אַרטיקל „אַוועק מיט דער רוסיפיקאַציע!" (קעגן די „רוסישע" צייטונגען, שולן און טעאַטערס, וואָס האָבן אין יענער צייט פאַרפלייצט די יידישע ווילנע). אינטערעסאַנט זיינען אויך זיינע נאָטיצן „יידיש" (מאַטעריאַלן און פראַגן פון דער יידישער שפּראַך). אברהם מאָרעווסקי האָט געגעבן די געדאַנקענרייכע אַרטיקלען וועגן טעאַטער, ד״ר יעקב וויגאָדסקי און חייקל לונסקי — זכרונות פון דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. דער זשורנאַל איז אויך באַש נט געוואָרן מיט לידער פון ניידוסעס ירושה און מיט לידער פון משה קולבאַק. אין דער „וואָך" האָבן זיך באַטייליקט אויך י. ח. ראָזנבוים, חנה ראָזין (לידער), א. בולקין און א. י. גאָלדשמידט (נאָטיצן). די אָרטאָגראַפיע איז געווען שוין די נייע און אויסגעהאַלטן, נאָר דער שטומער ה׳ און דער ווייכער ג׳ איז שטאַרק אָפּגעהיט געוואָרן. — צוליב דוחק אין מיטלען און דער פאַרלאַגסטעטיקייט פון קאָמיסאַריאַט פאַר פאָלקסבילדונג האָט זיך „די וואָך" פאַרמאַכט.

---

### „שבת־נייס". —

אומפּאַרטייאישער אָרגאַן, מיט אַ הומאָריסטישער אָפּטיילונג אויפן גאַנצן פערטן עמוד — „דער טשאָלנט". פּרייז 50 פעניג אָדער קאָפּ. דער ערשטער נומער איז אַרויסגעגאַנגען שבת טז סיון תרע״ט — 14 יולי 1919. מיטאַרבעטער זיינען געווען: גאָלדע פּיאַדעס (קאַצענעלסאָן), דוד בערעזאָווסקי (דודל) און א. קאַנט ר. זיי האָבן געאַרבעט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות צוזאַמען מיט די דרוקער ברידער ראָזנטאַל. דאָס בלעטל איז פון אָנהייב געווען ניט שלעכט, דער הומאָר אין „טשאָלנט" איז געווען דורכשניטלעך אַ גאַנץ געלונגענער, און ס׳איז געגאַנגען אויך נישקשה.

מ׳האָט אפילו געפּרובט אַרויסגעבן אַ בלעטל מיטן זעלביקן כאַראַקטער אין מיטנוואָך — „מיטוואָך־נייס" מיט אַ הומאָריסטישער אָפּטיילונג „דער בעזים", אָבער מער ווי צוויי נומערן זיינען ניט אַרויס, איז געבליבן נאָר דאָס „שבת־נייס". דעם עולם איז פון אָנהייב געווען געפעלן בלויז דער „טשאָלנט", אָבער דער הומאָר האָט זיך באַלד אויסגעשעפּט, און דאָס בלעטל האָט אויפגעהערט צו זיין „פּיקאַנט". אויפן נומער 13 (6 סעפּטעמבער) איז „שבת־נייס" פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער מאַכט, צו דער צופרידנקייט, דאַכט זיך, פון די קאָאָפּעראַטאָרן גופא, וואָס האָבן שוין ניט געהאַט מער קיין מאַטעריעלע מיטלען אים ווייטער אַרויסצוגעבן. שפּעטער, אין אַפּריל — מאַי 1922, איז ווידער געמאַכט געוואָרן אַ פּרוב צו באַנייען די „שבת־נייס", אָבער שוין דורך אַנדערע מיטאַרבעטער; — דער דאָזיקער פּרוב איז סיי זשורנאַליסטיש סיי מאַטעריעל געווען העכסט אומגעלונגען און האָט געדויערט בלויז עטלעכע וואָכן.

---

### „דער יידישער סוחר". —

אָרגאַן פון ווילנער יידישן סוחרים־פאַרבאַנד. אַ וואָכנבלאַט, געווידמעט ספּעציעל די אינטערעסן פון האַנדל און אינדוסטריע. אַבאָנעמענטס־פּרייז: אַ יאָר — 24 רובל, אַ האַלב יאָר 12 רובל; אַ איינצלנער נומער 50 קאָפּ. — פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר: אַלבערט קאַבאַטשניק און אַרויסגעבער אַדאָלף גאָרדאָן. אַזוי ווי אַלע איבעריקע צייטשריפטן, ערלויבט דורך דער קריגס־צענזור, אינע־

ווייניקסטער רעדאַקטאָר, סטיליזאַטאָר, מיטאַרבעטער און טעכנישער אויספירער פֿון דער גאַנצער אַרבעט איז געווען חיים לעווין, וואָס האָט שוין פֿאַר דער מלחמה געאַרבעט אין אַזאַ כאַך־זשורנאַל אין ווילנע — אין דעם שוין דערמאָנטן „האָלצהענדלער”. דער ערשטער נומער איז אַרויס פֿרייטאָג יז אלול תרע״ט — 12 סעפּטעמבער 1919. ביז יאַנואַר 1920 זיינען אַרויס 16 נומערן און אין משך פֿון צווייטן יאָרגאַנג זיינען אַרויס אויך אַזויפֿיל נומערן. די פֿאַרערגערטע לאַגע אין שטאָט האָט גורם געווען אָפּצושטעלן דעם פֿאַך־זשורנאַל, וואָס איז געגאַנגען אַ חדשים 7—8. די ערשטע פֿיר נומערן זיינען געווען פֿון אַ קליינעם זשורנאַל־פֿאָרמאַט, פֿון 5־טן נומער אָן איז דער פֿאָרמאַט געוואָרן גאָר אַ גרויסער. פֿון נומער 10 (26) צווייטן יאָרגאַנג אָבער איז דער פֿאָרמאַט צוריק פֿאַרקלענערט געוואָרן. דאָס ווייזט אויף דער עקאָנאָמישער עליה און ירידה און בהסכם דערמיט אויפֿן שטייגן און פֿאַלן פֿונם אינטערעס צום „ייִדישן סוחר”.

—

## „אונזער שטימע”. —

וועכנטלעכער אָרגאַן פֿון ווילנער קאָמיטעט פֿון „בונד”. איבערן קעפּל איז געווען די אויפֿשריפֿט: פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער פֿאַראייניקט זיך! נאָכדעם: אַלגעמיינער ייִדישער אַרבעטער־בונד. ג׳ 100 — פֿאָרמאַט פֿון אַ וואָכנזשורנאַל — איז אַרויס פֿרייטאָג דעם 13 אַווגוסט 1920. ס׳זיינען אַרויס סך־הכּל נאָך צוויי נומערן שוין אין ציַיטונגס־פֿאָרמאַט, נ׳ 101 (אַ האַלבער) און נ׳ 102 (אַ גאַנצער). דער לעצטער איז אַרויס פֿרייטאָג דעם 20 אַווגוסט. דער פּרייז איז געווען 15 רובל. — אין די דאָזיקע דריי נומערן איז געווען אַ קורצן אַ באַריכט וועגן דער שפּאַלטונג פֿון „בונד”, וואָס איז געשען אין דער פֿרייטאָג־נאַכט דעם 6 אַווגוסט.

—

## „דאָס פֿרייע וואָרט”. —

געזעלשאַפֿטלעך־ליטעראַרישע ציַיטונג. אַ וואָכנבלאַט. רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער: זעליק ציִנמאַן. דרוקעריי פֿון די ווילנער פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון, נייע גאַס 3. ערלויבט פֿון דער מיליטער־צענזור. פּרייז 5 מאַרק. — דער ערשטער נומער איז אַרויס שבת ב כּסלו תרפ״א — 13 נאָוועמבער 1920. דעם דאָזיקן נומער האָט פֿינאַנסירט דער דאַנטיסט רעכעס מיטן אָנטייל פֿון הירש שור (געוועז. רעד. אַרויסגעבער פֿונם „פּלוגבלאַט” ביים אָנהייב דייטש אין י. 1915). פֿון נומער 2 אָן איז די ציַיטונג געגאַנגען אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות (דרוקער און מיטאַרבעטער) און אונטערגעשריבן איז געווען: אַרויסגעבער: פֿאַרלאַג קאָאָפּעראַטיוו. אָבער דאָ האָט זיך ווידער אַמאָל איבערגעחזרט די אַלטע געשיכטע פֿון די פּרעסע־קאָאָפּעראַטיוון אין ווילנע, און פֿון נומער 11 (22 יאַנואַר 1921) איז „דאָס פֿרייע וואָרט” אַריבער צו אַ „בעל־הבית” — צום סאָציאַל־דעמאָקראַטישן בונד. פֿריער איז די ציַיטונג געווען אַן אומפּאַרטייאיש־סאָציאַליסטישע און ס׳זיינען איינגעלאַדן געוואָרן פֿאַר מיטאַרבעטער חברים פֿון פֿאַרשיידענע פּאַרטייען און אויך אומפּאַרטייאישע, דהיינו: י. אָקון (דאָגינסקי), ש. באַסטאָמסקי, ד. בערעזאָווסקי, א. י. גאָלדשמידט, ש. הורוויטש (זאַלקעס), חיים וואַלט, אַדוו. בועז וואָלפּסאָן, י. כּאַרלאַש (בן־ברוך), דער קינסטלער משה לייבאָווסקי, אַדוו. ע. סמילג, מ. עלקין, ג. פּלודערמאַכער, א. פֿרידקין, א. קונין, י. רובין, מ. שאַליט, כ. שור און אַנד. די רעדאַקציע ביזן נומער 11 איז באַשטאַנען פֿון י. אָקון, א. י. גאָלדשמידט, מ. עלקין און א. פֿרידקין. סטיליזאַטאָר איז געווען א. י. גאָלדשמידט. פֿון נומער 11 איז די רעדאַקציע באַשטאַנען פֿון י. אָקון, ש. הורוויטש און י. כּאַרלאַש. די הויפּט־מיטאַרבעטער זיינען געבליבן כּמעט די זעלביקע. — מאַטעריעל האָט „דאָס פֿרייע וואָרט” געליטן אָן אויפֿהער און דאָס האָט זיך אָפּגערופֿן אויך אויפֿן אינהאַלט. ס׳זיינען אַרויס צוזאַמען 39 נומערן. די ציַיטונג איז פֿאַרמאַכט געוואָרן דורך דער מאַכט, איבער עפּעס אַ גאַנץ אומשולדיקן אַרטיקל, דעם 24 סעפּטעמבער 1921.

—

## „דאָס פֿאָלק”. —

וואָכנבלאַט. צענטראַל־אָרגאַן פֿון דער אָרגאַניזאַציע „מזרחי” אין ליטע. — פֿאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר: שמחה שטופּלער. אַרויסגעבער: די אָרגאַניזאַציע „מזרחי” אין ליטע. ערלויבט פֿון דער מיליטער־צענזור. אינעווייניקסטער רעדאַקטאָר און סטיליזאַטאָר — ש. ל. ציטראָן. — דער ערשטער נומער איז אַרויס דעם 23 נאָוועמבער 1920. סך־הכּל זיינען אַרויס אַכט נומערן. — מיטאַרבעטער זיינען געווען: ב. אויערבאַך, שמואל גריינימאַן, א. ווירשופּ, ד״ר א. ווירשובסקי, מנחם רודניצקי, שמחה שטופּלער און אַנדערע.

—

## „אַרבעטער־לעבן”. —

וועכנטלעכע ייִדישע אַרבעטער־ציַיטונג. רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער אברהם שאַוועל. דרוקעריי „ווילנער פֿאַרלאַג” פֿון ב. א. קלעצקין, ווילנע, קליין־סטעפֿן־גאַס 23. — איבערן קעפּל — דעוויז: פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער, פֿאַראייניקט זיך! — פּרייז פֿון איין נומער — 5 מאַרק; 1 מאָנאַט — 20 מ. — דער ערשטער נומער איז אַרויס דעם 19 פֿעברואַר 1921. די ערשטע צוויי נומערן זיינען געווען געדרוקט אויף רויטלעך־ראָזן גראָבן און האַרטן פּאַפּיר, די איבעריקע נומערן אויף שלעכטן ווייסן פּאַפּיר. אַרויסגעגאַנגען זיינען סך־הכּל 6 נומערן.

אויפֿן 6־טן נומער איז די ציַיטונג אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך דער מאַכט פֿאַר אַ ריי אַרטיקלען. דער „זיץ־רעדאַקטאָר” אַ. שאַוועל, דער שטילער איידעלער אידעאַליסט, איז אַרעסטירט געוואָרן, אָנגעקלאָגט געוואָרן אין געריכט, אָפּגעזעסן אָן אַ משפּט אין די ערגסטע באַדינגונגען ביי אַ יאָר און צום סוף איז פֿאָרגעקומען דער משפּט און שאַוועל איז באַפֿרייט געוואָרן אויף ערבֿות. סיי זיין פֿאַרטיידיקער סיי דער פּראָקוראָר האָבן דערלאַנגט אַן אַפּעלאַציע. צום צווייטן מאָל געריכט האָט זיך שאַוועל ניט געמאָלדן.

—

## „ווילנער וואָך”. —

וואָכנבלאַט פֿאַר ידיעות, ליטעראַטור און פּובליציסטיק. רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער אין נאָמען פֿון אַ קאָאָפּעראַטיוו — יונה שפּער. דרוקעריי פֿון ווילנער פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון, נייע גאַס 3. פּרייז 30 מאַרק. דער ערשטער נומער איז אַרויס ב׳ כּסלו תרפ״ב — 3 דעצעמבער 1921. אַרויס סך־הכּל דריי נומערן. אין „ווילנער וואָך” האָבן זיך געדרוקט: ה. אַבראַמאָוויטש, א. איוועניצקי, בן־ציון (נחטי), א. י. גראָדזענסקי, פּ. היילפּערן, א. פֿרידקין, י. רובין און דער רעד. יונה שפּער.

—

## „אונזער ציַיט”. —

אַ וועכנטלעכע אַרבעטער־ציַיטונג, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אַלע שבת. איבערן קעפּל: פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער, פֿאַראייניקט זיך! — רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער: רבקה עפּשטיין. דרוקעריי פֿון ווילנער פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון, נייע גאַס 3. די ציַיטונג האָט דורכגעפֿירט די אידעען פֿון סאָציאַל־דעמאָקראַטישן „בונד”,

די רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון פינף מיטגלידער: אינזשעניער י. אָקון (דאָגינסקי), י. כאַרלאַש (בן־ברוך, ב. ב.), אַ. ליטוואַק, ר. עפשטיין און ד״ר פּ. ראָזנטאַל (פּ. א., פיי—ער). שפּעטער איז צוגעצויגן געוואָרן אויך יוסף אַראָנאָוויטש (י. אַרסקי). אַחוץ די דערמאָנטע זשורנאַליסטן, האָבן נאָך מיטגעאַרבעט אין דער צייטונג: ר. אַבראַמאָוויטש (ריין), דוד איינהאָרן, א. י. גאָלדשמידט, י. הורוויטש, ר. שמחהוויטש, ל. עפשטיין (בן־יקיר, געוועזענער מיטאַרבעטער פון „פאָלקסצייטונג" אין ווילנע אין די יאָרן 1903 און 1907) פון טיענטזין, מ. פרידמאַן, וול. קאָסאָווסקי, ד״ר י. ראַפּעס, מ. ש—ן און אַנדערע.

דער ערשטער נומער איז אַרויס שבת דעם 14 יאַנואַר 1922. אויפן נ׳ 24 (שבת דעם 1 יולי 1922) איז די צייטונג פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער מאַכט פאַרן אַרטיקל „אומגעהערט" וועגן דעם משפט איבער באָריס גילדין („א. צ." נ׳ 15).

---

## IV. זשורנאַלן און זאַמלביכער.

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען ווילנע איז געווען אינגאַנצן אָפּגעריסן ניט נאָר פון דער ברייטער וועלט, נאָר אפילו פון דער נאָענטער סביבה, איז דער איינציקער פּרוב פון אַ מין זשורנאַל (אַחוץ דעם שוין אויבן דערמאָנטן „אונזער עתיד") געווען די

„ליטעראַרישע העפטען".—

ערשטעס העפט: ימים נוראים. ווילנע תרע״ו—1916. 40 זייטן — 16 (32 שפּאַלטן). פּרייז 25 פּענ. צווייטעס העפט, ווילנע, תרע״ז (1916). אָנטיילנעמער: לייב ניידוס, יוסף איזביצקי, ד. איינזאַם (דוד רויכל), א. פרידקין, ד. קאַסעל, י. ח. ראָזנבוים, משה קולבאַק, זלמן רייזען, משה טייטש, ד. קאַפּלאַנאָוויטש, מ. שיבה, ש. ל ציטראָן, מ. שאַליט, ניסן פּופּס (געגויער רעצענזירט אין ווילנער זאַמלבוך II, ז. 181—183).

אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער האָט געטראָגן

„ווילנער זאַמעלבוך".—

אונטער דער רעדאַקציע פון ד״ר צ. שאַבאַד. ערשטער באַנד. לטובת די ווילנער קינדערהיימען. ווילנע תרע״ז—1916.—צווייטער באַנד. ווילנע תרע״ח—1918. אינעווייניקסטער רעדאַקטאָר־סטיליזאַטאָר און טעכנישער אויספירער פון דער גאַנצער אַרבעט איז געווען משה שאַליט. מיטאַרבעטער זיינען געווען: אסתר (ראָזנבוים), אברהם בולקין, ר. בוניאַק, בן־ליפּמאַן, ברוך משה בראַז, יצחק ברוידעס, א. י. גאָלדשמידט, רעואל גינצבורג, דניאל געצעלס, ש. גאָרדאָן, ד״ר יעקב וויגאָדסקי, ד״ר א. ווירשובסקי, ב. זילבערבאַך, מ. חיימסאָן, חיים טאַבריס, לייב יאָסעל, ש. י. יאַצקאַן, חייקל לונסקי, ליוביטש, מענדל לעווין, מ. א. מילייקאָווסקי, ש. נאָוואָפּלאַנט, ל. סלאָנימסקי, ס. י. סמאָרגאָנסקי, גאָלדע פּאַץ, נ. פּופּס, ג. פלודערמאַכער, י. פראַנקפורט, ש. ל. ציטראָן (—ן, צ—ן, בן־זומא), י. ציפּקין, אליעזר קרוק, א. ראַכמילעוויץ, געשוו. אַדוו. ש. ראָזנבוים, י. ח. ראָזנבוים, ברוך רוביק, זלמן רייזען, ד״ר צמח שאַבאַד, משה שאַליט (מ. ש.). אַחוץ דעם האָט ש. ל. ציטראָן פאַרעפנטלעכט צוויי בריוו צו יהודה לייב גאָרדאָן פון שמואל יוסף פין און פון שלום עליכם.—אַרויסגעגעבן די זאַמלביכער האָט ד״ר שאַבאַד אויפן אייגענעם חשבון. אָפּגעקאָסט האָבן די זאַמלביכער זייער אַ סך, געפאָדערט האָט זיך פאַר זיי אַ קונה ניט פון אַ גאַנץ יאָר, און מ׳האָט געמיינט, אַז ס׳וועלן ניט געדעקט ווערן אפילו די הוצאות. אָבער די רעזולטאַטן האָבן איבערגעשטייגט אַלע ערוואַרטונגען. די יידישע פרעסע אין פּוילן און די יידיש־דייטשע פרעסע האָט באַגעגנט די „ווילנער זאַמלביכער" מיט הייסע באַגריסונגען און האָט אָנערקענט זייער וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע באַדייטונג. די איינצלנע עקזעמפּלאַרן, וואָס זיינען צופעליק אָנגעקומען קיין רוסלאַנד און אוקראַינע, האָבן אין דער דאָרטיקער יידישער פרעסע אַרויסגערופן פּשוט ענטוזיאַסטישע אַנטציקונגען. ניגער, יעקב לעשטשינסקי, בעל־דמיון, ז. רייזען האָבן אָנגעשריבן וועגן זיי באַגייסטערטע אַרטיקלען. און די „זאַמלביכער" האָבן זיך גוט פאַרקויפט און האָבן אויסגעהאַלטן צווייטע אויפלאַגעס, וואָס זיינען זיך אויך אינגאַנצן פונאַנדערגעגאַנגען.

און ניט אומזיסט האָט „ווילנער זאַמעלבוך" געהאַט אַזאַ גליקלעכן קבלת־פּנים פון אַלע זייטן.

די זאַמלביכער האָבן געגעבן אַ בולט בילד פון אַלע זייטן פון לעבן פון דער אַלטער קהילה פון ירושלים דליטא. דעם צענטראַלן אָרט פאַרנעמען אַרטיקלען וועגן דער יידישער נויט און סאָציאַלער הילף, וועגן וויכטיקער געזעלשאַפטלעכער פאַרשיידנאַרטיקער אַרבעט אויפן געביט פון עקאָנאָמישער הילף. זעלבסט־הילף און הילף דורך אַרבעט, יורידישער הילף און קולטורעלער טעטיקייט. דאָ גייען גאַנצע סעריעס אינטערעסאַנטע אַרטיקלען וועגן קינדערהיימען, שפּילפּלעצער, שולן, טעכנישע קורסן, ביבליאָטעקן, פאָלקס־אוניווערסיטעטן, יתומים־הייזער, אַרבעט־הייזער, פרויען־אינסטיטוציעס, קינדער־קיכן, אַרבעטער־קיכן, פאָלקס־קיכן, גאַסן־קיכן, ביליקע קיכן; פאַך־פאַראיינען און כל המינים קולטור־פאַראיינען; ענינים פון היגיענע און מעדיצינישער הילף, ליטעראַטור און טעאַטער; מוסדות פון פאָלקס־פאַרוואַלטונג, קלויזן און ווילנער שולהויף; נעקראָלאָגן נאָך געשטאָרבענע ווילנער געזעלשאַפטלעכע, וויסנשאַפטלעכע און ליטעראַרישע פערזענלעכקייטן; אַרטיקלען וועגן די איבערגעלעבטע יידישע צרות און פורעניות אין משך פונם ערשטן מלחמה־יאָר; וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען וועגן דער פּסיכאָפּאַטאָלאָגיע ביי יידן פון ד״ר ווירשובסקי און וועגן דער שטערבלעכקייט פון די יידן אין ווילנע פאַרן דייטש פון ד״ר שאַבאַד; דער דאָזיקער לעצטער אַרטיקל איז דורך דער דייטשער צענזור אַרויסגעוואָרפן געוואָרן, נאָר ער איז ביים מחבר אייגנגעהיט געוואָרן אין דער פאָרם פון אַ באַזונדערן קאָרעקטור־אָפּצוג. מיט איין וואָרט, די ביידע בענדער „ווילנער זאַמעלבוך" האָבן צום ערשטן מאָל פאַרפיקסירט די גאַנצע יידישע ווילנע און האָבן געגעבן פאַרן קומענדיקן היסטאָריקער אַ גאַנצן אוצר מאַטעריאַלן פון דער געשיכטע פון די יידן אין ליטע בכלל און אין ווילנע בפרט פאַרן ערשטן מלחמה־יאָר און פאַר די ערשטע צוויי יאָר דייטשער אָקופּאַציע. אין דעם באַשטייט זייער וויכטיקסטע באַדייטונג.

דער געפּלאַנטער דריטער באַנד איז ניט אַרויס מחמת די אָפּטע בייטענישן פון די מאַכטן אין ווילנע.

„ליטע". —

אַ ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעך זאַמלבוך. העפט II. רעדאַקטירט א. י. גאָלדשמידט, אַרויסגעגעבן מרדכי אייזיק סידער און פּסח מאַרקוס. דריי גרויספאָרמאַטיקע בויגנס מיט צווייפּאַלטיקע עמודים. פּרייז 5 רובל. ווילנע תרע״ט (טבת—דעצעמבער 1918).— די ערשטע זאַמלונג „ליטאָ" איז אַרויס אין 1914, אַרויסגעגעבן פון אוריה קאַצענעלענבאָגען און א. י. גאָלדשמידט מיט אַרטיקלען פון ד״ר נתן בירנבוים, שאול קאַצענעלענבאָגען, אוריה קאַצענעלענבאָגען, א. י. גאָלדשמידט, וו. לאַסטאָווסקי (רעדאַקטאָר פון דער ווייסרוסישער „Наша Ніва"—ספּעציעל געשריבן פאַר „ליטאָ"), זמיטראָק ביאַדוליאַ (אַ ייד, שמואל פּלאַווניק, אַ ווייסרוסישער גרויסער דיכטער, פון די גרעסטע), לאַזדינו פּעליעדע (אַ גרויסע ליטווישע שריפטשטעלערין,—איבערגעזעצט פון ליטוויש מיכל יאַ־

קאָבי—א. י. גאָלדשמידט),—די דאָזיקע ערשטע זאַמלונג איז שוין געוואָרן אַ ביבליאָגראַפישע זעלטנהייט.

אין צווייטן העפט האָבן זיך באַטייליקט: א. י. גאָלדשמידט („די ערשטע יידן אין ליטע", — זעלבשטענדיקע וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונג; רשימה פון דער ליטווישער פּרעסע און פּאַרטייען), א. י. גראָדזענסקי, ד"ר א. ווירשובסקי, ל. ניידוס, אברהם זאַק, מ. שאַליט, פּסח מאַרקוס, שרה רייזען, ש. אַנ—סקי, ז. רייזען (נעקראָלאָג נאָך לייב ניידוס), יעקב כּץ און אַ נעקראָלאָג איבער אים פון א. י. גאָלדשמידט, אברהם גליקמאַן.—די אידעע פון דער אויסגאַבע איז געווען די התקרבות צווישן די יידן און די אָרטיקע נאַציאָנאַליטעטן דורך קעגנזייטיקן באַקענען זיך. מ'האָט געהאַט בדעה אַרויסצוגעבן אַזעלכע העפטן פּעריאָדיש, מ'האָט געשטרעבט צו עפענען אַ פאַרלאַג פאַר איבערזעצונגען פון פּויליש, ליטוויש און ווײַסרוסיש אויף יידיש און פון יידיש אויף די דאָזיקע שפּראַכן. אין דער דריטער זאַמלונג „ליטע" האָבן צווישן אַנדערע זאַכן געדאַרפט אַרייַנגיין אויך אַרטיקלען וועגן דער פּוילישער ליטעראַטור בכלל און וועגן אַדאַם מיצקעוויטש בפרט פון אַ. ווייטער, און אויך אַ פּיעסע פון אַ. ווייטער אויף דער טעמע פון די קעגנזייטיקע באַציאונגען פון די היגע נאַציאָנאַליטעטן. ס'איז אָבער ניט באַשערט געווען, דאָס זאָל פאַרווירקלעכט ווערן.

---

מיטן אַרייַנקומען פון דער ערשטער ראַטנמאַכט האָט דאָס עפנטלעכע לעבן פון די פּאַרטייען אויפגעלעבט. דער „בונד" האָט געשאַפן זיין טעגלעכע צייטונג „אונזער שטימע", דאַן איז אויך ערשינען

## „פאָראויס!"—

1=טע זאַמלהעפט. אַרויסגעגעבן פון דערווייליקן הויפּט=קאָמיטעט פון דער „פאַראייניגטער אידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי פאַר ליטע און ווייסרוסלאַנד". ווילנע יאַנוואַר 1919. איבערן קעפּל די לאָזונג=אויפשריפט: פּראָלעטאַריער פון אַלע פעלקער, פאַראייניקט זיך!—פּרייז 75 קאָפּ.—רעדאַקטאָר: די רעדאַקטיר=קאָלעגיע ביים הויפּט=קאָמיטעט. פאָרמאַט 8°, 16 זייטן. אויך דער דאָזיקער אָרגאַן האָט געפירט אַ קאַמף קעגן דער דיקטאַטור פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פאַר אַ ענדערונג אין דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער באָלשעוויסטישער רעגירונג אין ליטע לטובת דעם פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלער אַליינבאַשטימונג פון די פעלקער.

---

## „די נייע וועלט".—

אַ חודש=זשורנאַל. אַרויסגעגעבן פון דעם פאָלקס=קאָמיסאַריאַט פאַר בילדונג אין ליטע („און ווייסרוסלאַנד" איז געווען צוגעגעבן צום צווייטן בוך), ווילנע 1919. אַדרעס פון דער רעדאַקציע: ווילנע, צענטראַלער בילדונגס=קאָמיסאַריאַט, דרוק פון ב. א. קלעצקין. פאָרמאַט פון דער „יודישער וועלט". אַבאָנעמענטס=פּרייז: 12 רובל אַ פערטל יאָר; יעדער נומער באַזונדער 5 רובל. דאָס ערשטע בוך איז געווען אַ טאָפּלטס, נומ. 1—2 (יאַנוואַר—פעברואַר), העכער $7 \frac{1}{2}$ בויגן, דאָס צווייטע בוך, נ' 3 (מערץ), 10 בויגן.

דער דאָזיקער זשורנאַל, ווי אויך די זשורנאַלן „פאָלקס=בילדונג" און „גרינינקע בוימעלאַך" (וועגן זיי שפּעטער), זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן לויט דער התעוררות פון אַ. ווייטער און ש. ניגער, וואָס האָבן געוואָלט אויסנוצן די גרויסע מיגלעכקייטן פון בילדונג=קאָמיסאַריאַט פאַר יידיש=קולטורעלע אויפטועז. ניגער איז אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל, אָבער אַ געוויסע דעה האָבן אויך געהאַט די פאָרשטייער פון קאָמיסאַריאַט.





דער גרעסטער טייל עקזעמפּלאַרן פון דעם דאָזיקן זשורנאַל איז אומגעקומען אין די אַפּריל=טעג און איז איצט אַ יקר=המציאות. עס האָבן זיך אין אים באַטייליקט: מ. בראָדערזאָן, א. ווייטער, אלישע ראָדין, ש. ניגער (וועגן אַלעקסאַנדער בלאָקס „צוועלף" אין מ. בראָדערזאָנס איבערזעצונג), מ. קולבאַק, אַרטיסט ס. טייטלבוים („דער מצב פון יידישן טעאַטער נאָך דער רעוואָלוציע"), ז. רייזען, א. פרידקין, ב. רובשטיין, ח. ה. ראָזין, משה יאַקאָבסאָן (וועגן דער רעוואָלוצאָנערין העסי העלפמאַן, ביאָגראַפיע), פ. ליבערטס, ש. געַנריך (די קולטור=אויפטוען פון דער רוסלענדישער ראַטנרעפּובליק), א. ווייטער (ווילנער טעאַטער), נייע ביכער, ביבליאָגראַפישע נאָטיצן, קולטור=כראָניק.

אָנטיילנעמער פון צווייטן בוך: לייב ניידוס, א. ראובני, דוד האָפשטיין, מ. גאָרקי, מ. גיטליץ, ב. אָרשאַנסקי, דניאל טשאַרני, ק. זאַלעווסקי (איבערזעצונג), ש. ידידאָוויטש, אברהם זאַק, ד"ר ווירשובסקי, ה. לונסקי, חנה ראָזין, ש. ניגער (וועגן „צוויי וועלטן" פון צבי הירשקאַן), מ. יאַקאָבסאָן, ש. געַנריך (וועגן די יידישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען לויט די דאַטן פון דער אָכראַנקע, און אַ צווייטער אַרטיקל וועגן די קולטור=אויפטועז פון דער רוסלענדער ראַטנרעפּובליק), פ. ליבערטס (וועגן ראָזע לוקסעמבורג), ח. בער („די גרעניצן פון אונזער אַווטאָנאָמיע", עס הייסט פון יידישן קאָם. פאַרבאַנד אין דער אַלגעמיינער ר. ק. פּ.,—דיסקוסיאָנס=אַרטיקל), ביבליאָגראַפיע (דער יידישער ביכער=מאַרק אין דער רוסלענדישער ראַטנרעפּובליק אין יאָר 1918), פּאָליטישע כראָניק פאַרן חודש און קולטור=כראָניק.

„די נייע וועלט" האָט זיך געשטעלט זייער ברייטע צילן, אָבער דער דריטער נומער האָט שוין ניט דערלעבט אַרויסצוגיין: די פּאָליאַקן האָבן פאַרנומען די שטאָט.

## „פאָלקס=בילדונג".—

צוויי=וועכנטלעכער זשורנאַל פאַר פראַגן פון בילדונג און קולטור. אַרויסגעגעבן פון דעם צענטראַלן בילדונגס=קאָמיסאַריאַט פאַר ליטע. פאָרמאַט פון דער „נייער וועלט", 32 צוויישפּאַלטיקע עמודים; פּרייז 1 רובל, אין קיאָסקן אין בוכהאַנדלונגען פון „צענטראָפּעטשאַט" 1 ר. 50 ק. דער ערשטער נומער איז אַרויס יט אדר שני תרע"ט (אַזוי בוכשטעבלעך איז געווען פאַרצייכנט אונטערן קעפּל)—ווילנע 21 מערץ 1919. דער צווייטער—ד' ניסן תרע"ט—4 אַפּריל 1919. אַ דריטער איז אויסגעזעצט געוואָרן, איז אָבער שוין ניט אַרויס.

דער זשורנאַל איז אַרויסגעגאַנגען ביים נאָענטסטן אָנטייל פון ב. אָרשאַנסקי און ש. געַנריך. שטענדיקע אָפּטיילונגען זיינען געווען: פאָרשול=אַרבעט, שולבילדונג, אויסערשול=אַרבעט, ביבליאָטעק=אַרבעט, טעאַטער, פּרעסע=איבערזיכט, ביבליאָגראַפיע, כראָניק.

דאָ איז צום ערשט מאָל אין ווילנע אייַנגעפירט געוואָרן די יידישע אויסלייגונג פון די העברעאישע ווערטער.

## „גרינינקע בוימעלאַך".—

נומער 1. אַפּריל 1919. אַרויסגעגעבן פון פאָלקס=קאָמיסאַריאַט פאַר בילדונג אין ליטע און ווייסרוסלאַנד. דער פאָרמאַט—היבש גרעסער ווי קלעצקינס „גרינינקע בוימעלאַך", דאָס הילע=בילד דאָס זעלביקע שיינע, וואָס דאָרטן, און פּאַפּיר דאָס בעסטע. גרויסע מאַטעריעלע מיטלען זיינען אַוועקגעלייגט געוואָרן אויף צו מאַכן דעם קינדער=זשורנאַל וואָס שענער און וואָס בעסער (דער פּרייז איז דווקא געווען לפי=ערך אַ גאַנץ קליינער: אַ פערטל יאָר 9 רובל און אַ איינצלנומער 1 ר. 50 ק.).

דער צווייטער אויסגעזעצטער נומער האָט שוין אויך ניט זוכה געווען צו דערזען די ליכטיקע שיין.

### „אונזער פרייהייט“.—

זאַמלבוך. ווילנע תרע״ט—1919 (אַרויס אין מערץ; די דאַטע איז ניט אָנגעוויזן). פאָרכאַט פון אַ וואָכנזשורנאַל, 32 צוויישפּאַלטיקע עמודים מיט אַ הילע. פּרייז 1 רובל 50 קאָפּ. אָנטיילנעמער: לייב יפה (רעדאַקטאָר), ז. סעגאַלאָוויטש, ה. ייבין, א. גאָלדשטיין, ש. אַנ—סקי, און ציוניסטישע אַרטיקלען און כראָניק.

---

אין דער ערשטער צייט פון דער פּוילישער אָקופּאַציע איז די לאַגע געווען ניט אַזאַ, אַז מ׳זאָל קענען טראַכטן וועגן זשורנאַלן און זאַמלביכער. ערשט מיט דער גרינדונג פון דער יידישער צענטראַלער שול-אָרגאַניזאַציע (אויף דער קולטור-באַראַטונג אין וואַרשע סוכות ה׳תרע״ט) איז געשאַפן געוואָרן די איניציאַטיווע צו באַנייען „די גרינינקע ביימעלעך“ (צום דריטן מאָל) און אָנהייבן אַרויסגעבן אַ פּעדאַגאָגישן זשורנאַל.

### „גרינינקע בוימעלאַך“.—

צוויי-וועכנטלעכער אילוסטרירטער קינדער-זשורנאַל, אַרויסגעגעבן פון דער צענטראַלער שול-אָרגאַניזאַציע אין ווילנע. אונטערגעשריבן: פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר-אַרויסגעבער ש. באַסטאָמסקי. אין רעדאַקציע זיינען אויף דער דערמאָנטער קולטור-באַראַטונג אויסגעקליבן געוואָרן: ש. באַסטאָמסקי, ש. ידידאָוויטש און מ. חיימסאָן (ווילנע), י. פּאַט און נאָוואָגראָדסקי (ביאַליסטאָק), דוד איינהאָרן און מ. בירנבוים (וואַרשע). פּאַקטיש איז אָבער די גאַנצע רעדאַקציאָנעלע אַרבעט אויסגעפירט געוואָרן דורך די ווילנער מיטגלידער. פּאַר אַ טעכנישן אויספירער פון דער גאַנצער אַרבעט איז צוגעצויגן געוואָרן דוד בערעזאָווסקי (דודל).—דער ערשטער נומער איז אַרויס אין מיטן דעצעמבער 1919 און ביז יאַנואַר 1921 זיינען אַרויס סך-הכל 20 נומערן צו צוויי בויגן אָדער 16 צוויישפּאַלטיקע עמודים פון גרויסן זשורנאַל-פאָרמאַט, צוזאַמען 320 עמודים. פונם צווייטן יאָרגאַנג זיינען אַרויס 18 נומערן און פון נומער 11 האָט זיך שוין באַוויזן די אונטערשריפט: רעדאַקטאָר פּ. היילפּערין. פון דריטן יאָרגאַנג (1922) זיינען ביזן 1 יולי אַרויס סך-הכל 6 נומערן.—די „גרינינקע בוימעלאַך“ פאַרקויפן זיך דורכאויס מיט אָנווער, דעריבער שטייט שטענדיק אַ דעפיציט און די מאַטעריעלע לאַגע פונם קינדער-זשורנאַל איז זייער אַ שלעכטע.

---

### „די נייע שול“.—

פּעדאַגאָגישער חודש-זשורנאַל, אַרויסגעגעבן פון דער צענטראַלער שול-אָרגאַניזאַציע אין ווילנע. די רעדאַקציאָנעלע קאָלעגיע איז צוערשט באַשטאַנען פון דוד לובאָצקי, ג. פּלודערמאַכער, ז. רייזען. שפּעטער זיינען צוגעצויגן געוואָרן צו דער רעדאַקציע ראָזע סימכאָוויטש, ישראל גורעוויטש און י. רובין. רעדאַקטאָר-סטיליזאַטאָר און טעכנישער אויספירער איז געווען ז. רייזען. פאַרן יאָר 1920 זיינען ערשינען 8 נומערן (4 ביכער, בסך-הכל אַרום 33 דרוקבויגן). אין יאָר 1921 זיינען אַרויסגעגאַנגען פינף ביכער (25 דרוקבויגן).

פון דריטן יאָרגאַנג (ביז 1-טן יולי 1922) זיינען אַרויס אין ווילנע צוויי ביכער (10 דרוקבויגן). דאָס דריטע בוך, נומער 4 — 5, איז שוין אַרויס אין וואַרשע, וואוהין ס׳איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן די רעדאַקציע און דער פאַרלאַג פונם זשורנאַל.

---

זומער 1920 איז די צענטראַלע שול-אָרגאַניזאַציע אין ווילנע צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן אַ צווייטן קינדער-זשורנאַל

### „דער חבר“.—

חודש-זשורנאַל פאַר עלטערע קינדער. אַרויסגעגעבן דורך דער צענטראַלער שול-אָרגאַניזאַציע פאַר פּוילן, ליטע און ווייסרוסלאַנד.





פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר יעקב פּאַט. דריי בויגן יעדער נומער. דער ערשטער נומער איז אַרויס אין סעפּטעמבער 1920. ביז יאַנואַר 1922 זיינען אַרויס 12 נומערן. אָנהייבנדיק פון נומער 11 (נאָוועמבער 1921) איז דער „חבר“ אַרויסגעגעבן געווען דורך דער צענטראַלער שול-אָרגאַניזאַציע אין ווילנע. פון צווייטן יאָרגאַנג (1922) זיינען ביזן 1 יולי אַרויס פיר ביכלעך. נאָך שפּעטער האָט די צ. ש. אָ. געשאַפן איר פּערטן אָרגאַן.

### „שול און היים“.—

זשורנאַל פאַר עלטערן. אַרויסגעגעבן פון דער צענטראַלער שול-אָרגאַניזאַציע, ווילנע. נ׳ 1, אַפּריל 1921. פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר: ישראל גורעוויטש.—נומער 2 יאַנואַר 1921. רעדאַקציאָנס-קאָלעגיע: י. גורעוויטש, ב. כהן, י. רובין.—נ׳ 3 יולי, רעד.-קאָל. דיטאָ.—נ׳ 4 דעצעמבער 1921. רעד.-קאָל.: מ. בערנשטיין, ב. כהן, י. גורעוויטש, י. רובין. אַרויסגעגעבן דורך דעם צענטראַלן עלטערן-קאָמ. ביים צ. ב. ק. אין ווילנע ביי דער מיטווירקונג פון דער צענטראַלער שול-אָרגאַניזאַציע, ווילנע.— נ׳ (5) 1. יאַנואַר 1922. אַרויסגעגעבן: דיטאָ. רעדאַקציאָנס-קאָלעגיע: דיטאָ.

---

### „וויטערבוך“.—

צום אָנדענק פון א. ווייטער. אַרויסגעגעבן פון דעם ווייטער-פאָנד ביים פאַראיין פון די יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין ווילנע אונטער דער רעדאַקציע פון ש. ניגער און ז. רייזען. ווילנע ניסן תר״פ—אַפּריל 1920, צום ערשטן יאָרצייט נאָך א. ווייטער. דאָס בוך באַשטייט פון צוויי אָפּטיילונגען: איינע איז אַ ספּעציעלע ווייטער-אָפּטיילונג און די אַנדערע באַשטייט פון בעלעטריסטיק און קריטיק. אין דער ערשטער גייען אַריין ווייטערס בריוו, זיין ביאָגראַפיע, זכרונות און אַרטיקלען וועגן אים פון אַ גאַנצער ריי ליטעראַטן, בילדער פון ווייטערס וואוינאָרט אין סיביר, פאַקסימילע פון זיינעם אַ בריוו און פון זיינע איבערגעלאָזענע כתבים. דער בעלעטריסטיש-קריטישער טייל באַשטייט פון לידער, פּאָעמעס, עוציילונגען און אַרטיקלען, און בילדעט אייגנטלעך אַ זעלבשטענדיקן אַלמאַנאַך פאַר זיך.

אינם בוך האָבן זיך באַטייליקט: ש. אַנ—סקי, דוד איינהאָרן, א. י. גאָלדשמידט, ד״ר מיכאל ווייכערט, אַ. מאָרעווסקי, ה. ד. נאָמבערג, ש. ניגער, ז. סעגאַלאָוויטש, מ. עלקין, א. פרידקין, ש. ל. ציטראָן, ד. קאַפּלאַנאָוויטש, אַלטער קאַציזנע, משה קולבאַק און ז. רייזען.

---

### „לעבען“.—

העפטן פון צייט צו צייט פאַר ליטעראַטור, קונסט און פּובליציסטיק. אונטער דער רעדאַקציע פון משה שאַליט. דער ערשטער נומער איז אַרויס אין ווילנע אין מערץ 1920, נ׳ 2 אין אַפּריל, נ׳ 3—4 אין יוני, נ׳ 5—6 אין סעפּטעמבער, נ׳ 7—8 (געווידמעט דעם אָנדענק פון ש. אַנ—סקי)—אין דעצעמבער 1920, נ׳ 9—10, וועגן „דיבוק“ און אַנדערע, איז אַרויס אין תרפ״א—1921; קיין חודש איז ניט אָנגעוויזן. אין 1921 איז אַרויס אַ זאַמלונג, „לעבען“ אונטערן נאָמען „פון די מלחמה-יאָרן“, וואָס באַשטייט פון פאָלקלאָר, דאָקומענטן און זכרונות פון דער צייט פון דער אייראָפּעאישער מלחמה און די אָקופּאַציעס.

אין „לעבען“ זיינען געווען געדרוקט: ש. אַנ—סקי, ש. באַסטאָמסקי, א. י. גאָלדשמידט, י. גינזבורג, ש. גאָרדאָן, י. דינעזאָן, דאָקומענטן, ד״ר י. וויגאָדסקי, י. וואַלק, א. ווייטער (בריוו), א. זאַק, ד. טשאַרני, ל. טורבאָוויטש, ה. ייבין, דוד כהן, ח. לונסקי, שמואל לעהמאַן, א. מאָרעווסקי, י. מיצקון, ל. ניידוס, ש. סאָלאָ-

מאָן, ז. סעגאַלאָוויטש, מ. עלקין, נח פרילוצקי, א. פרידקין, ש. ל. ציטראָן, אַלטער קאַציזנע, ב. קאַרלינער, י. קרני, מ. קול־באַק, ד. ראָזנהויז, י. ראָזנבוים, ז. רייזען, ד"ר צ. שאַבאַד, מ. שאַ־ליט, מ. ב. שניידער, יונה שפּ.ר. צייכענונגען זיינען געווען פון ב. גאָטלער, ב. גלאָבוס, מ. לייבאָווסקי און ב. צוקערמאַן.

---

„אונזער הילף".—

צוויי־וועכנטלעכער זשורנאַל. אָרגאַן פון יידישן געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפּאָ", ווילנע. רעדאַקטאָר: משה שאַליט. אַרויסגעבער: נתן קאָוואַרסקי. דאָס ערשטע ביכל נ' 1—2 איז אַרויס כה אייר תרפ"א—2 יוני 1921. אין משך פון ערשטן יאָרגאַנג זיינען אַרויס זעקס ביכלעך, דערין צוויי איינצלנע נומערן, דריי טאָפּל־נומערן און דאָס לעצטע ביכל—נ' 9—10—11—12 (יד חשוון תרפ"ב—15 נאָוועמבער 1921). פון צווייטן יאָרגאַנג זיינען אַרויס 3 ביכלעך: דאָס ערשטע אַ פלוראַלע, נ' 1—4 (ל שבט תרפ"ב—28 פעברואַר 1922), און צוויי טאָפּלנומערן, 5—6 (ב' ניסן תרפ"ב—31 מערץ 1922) און 7—8. דער זשורנאַל גיט אַ רייכן מאַטעריאַל איבער דעם חורבן און אָפּבוי פון דער יידישער פּראָווינץ אין געביט פון דער טעטיקייט פון „יעקאָפּאָ".

---

„דער יידישער האַנטווערקער".—

יובילײ־אויסגאַבע, דאָס הייסט צום 5־יאָריקן יובילײ (1916—1921) פון ווילנער יידישן האַנטווערקער־פאַראיין. צענטראַל־אָרגאַן פון אַלגעמיינעם יידישן האַנטווערקער־פאַראיין אין ווילנע. כד תמוז תרפ"א—30 יולי 1921.—רעדאַקטאָר־סטיליזאַטאָר און טעכנישער אויספירער. חיים לעווין.

---

„פונקן".—זאַמלונג. דעצ. 1921. רעד. סטרונסקי.

---

„פאַר אונזערע קינדער".—

איינטאָגיקע אויסגאַבע פון דעם ווילנער יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט. פרייטאָג, 27 יאַנואַר 1922. רעדאַקטאָר י. רובין. מיט־אַרבעטער: ב—ד, א. גאָלדמאַן, חיה ווייסבאָרד, ש. ידידאָוויטש, ל. לאַזאָווסקי, ב. לובאָצקי, א. ליטוואַק, אַ. ס., ראָזע סימכאָוויטש, ג. פלודערמאַכער, ברוך צוקערמאַן, ד"ר ה. קאָוואַרסקי, י. רובין, זלמן רייזען, ד"ר צ. שאַבאַד, מ. שור.

דער פאָרמאַט אַן אומגעוויינלעך גרויסער, 6 עמודים, אינ־גאַנצן גרויס ווי דריי געוויינלעכע צייטונגען. פרייז 120 מאַרק.

דאָ איז אין פאַרשיידענע אַרטיקלען געגעבן געוואָרן אַן אַלזייטיקע אויפקלערונג פונם שווערן מצב פון די יידיש־וועלטלעכע שולן און אַ רוף זיי צו העלפן; דער רוף האָט זיך איבערגעחזרט אויף מאָרגן שבת דעם 28 יאַנואַר אויף אַ דורכגעפירטן גרויסן מיטינג אין שטאָט־זאַל, וואו מ'האָט די אויסגאַבע אויך פאַרקויפט.

---

פאַרן יידישן אַקאַדעמיקער.—

איינמאָליקע צייטונג, אַרויסגעגעבן דורך דעם פאַראיין פאַר קעגנ־זייטיקער הילף די יידישע סטודענטן אין ווילנער אוניווערסיטעט צו דער אַקאַדעמישער וואָך (4—10־טן מאַי), ווילנע, 4 מאַי 1922. פאָרמאַט פון אַ גרעסערן וואָכנזשורנאַל. 8°, צוויי בויגן=32 צוויישפאַלטיקע עמודים. פרייז 100 מאַרק.—רעדאַקטאָר—דוד בע־רעזאָווסקי. רעד.־קאָלעגיע: דוד בערעזאָווסקי, שמואל דרייער, יצחק קראַקאָווסקי. אַרויסגעבער: פאַראיין פאַר קעגנזייטיקער הילף פון יידישע סטודענטן ביים ווילנער אוניווערסיטעט אין פערזאָן פון ל. ברודנא.

* *

*

אָט האָבן מיר דורכגעפירט אַ רשימה פון איבער 50 צייט־שריפטן: טעגלעכע צייטונגען, וואָכנבלעטער, צוויי־וועכנטלעכע און חודשדיקע זשורנאַלן, יאָרביכער, זאַמלביכער, זאַמלונגען, און מיר זעען, אַז אַפילו אין די ערגסטע צייטן פון דער מלחמה און אָקו־פּאַציעס, אין צייטן פון נויט, הונגער, מחלות און בעת סטיכעאישע אויסברוכן פון די לויזגעוואָרענע מענטשלעכע אינסטינקטן—האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו שאַפן דער יידישער ליטעראַרישער, קינסטלערישער, וויסנשאַפטלעכער, זשורנאַליסטישער און געזעל־שאַפטלעכער געדאַנק. אָט האָבן מיר פאַר זיך אַ רייכע פרעסע פאַר אַכט יאָר אין איין שטאָט—אין ווילנע. אין דעם דאָזיקן פרעסע־אוצר האָבן מיר אַ רייכן מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטע פון דעם יידישן קיבוץ אין ווילנער קאַנט פאַר די באַדייטונגספולע יאָרן פון דער וועלט־מלחמה און די פאַרשיידענע אָקופּאַציעס.

ווילנע, תמוז תרפ"ב—יולי 1922.



ש. ל. ציטראָן.

# די העברעאישע פרעסע און ליטעראַטור צייט דער מלחמה.

א.

דעם 1=טן אַפּריל 1915 האָט זיך צוליב מאַטעריעלע מניעות אָפּגעשטעלט די העברעאישע טעגלעכע צייטונג „הזמן“, וועלכע איז אַרויס אין ווילנע מיט אַ פּאָר הפסקות פונם 1=טן דעצעמבער 1904 אָן. מיט דעם אויפהערן פון „הזמן“ איז ליטע אַזוי אַרום פאַרבליבן אָן אַ געדרוקט העברעאיש וואָרט. דאָס האָט דאַן באַוואויגן אַ קליינע גרופּע העברעאיסטן אין ווילנע, מיט דעם דאַמאָלסט פּאָפּולער געוועזענעם נאַציאָנאַליסטישן עסקן ד״ר יוסף עפּשטיין אין דער שפּיץ, צו גרינדן אַ העברעאישן וועכנטלעכן אָרגאַן, וועלכער זאָל דינען די אינטערעסן פונם ליטווישן יידנטום. עס זיינען דאַמאָלסט אָפּגעהאַלטן געוואָרן וועגן דעם עטלעכע זיצונגען, מיט דער באַטייליקונג פונם געשוואָרענעם אַדוואָקאַט ש. ראָזענבוים, י. שעסקין, ד״ר י. ל. ברוך, ל. סלאָנימסקי, ד״ר נ. סטאַריפּאָלסקי פון סובאַלק, אַפּטייקער קאַדושעוויץ א. א. אויף וועלכע מען האָט באַשלאָסן צו נעמען זיך ענערגיש צו דער זאַך, און וואָס גיכער. ס׳איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ באַזונדערע קאָמיסיע, וואָס האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר דער פינאַנסיעלער זייט פון דער אונטערנעמונג, און ד״ר עפּשטיין האָט גענומען אויף זיך צו דערלאַנגען דער געהעריקער מאַכט די בקשה וועגן אַן ערלויבעניש אַרויסצוגעבן אַ העברעאיש וואָכנבלאַט אונטער זיין רעדאַקציע. די צייטונג האָט געזאָלט הייסן „עתידות“ (צוקונפט), און לויט אַ באַזונדער באַשלוס האָט זי געדאַרפט רעדאַגירט ווערן דורך ד״ר י. ל. ברוך מיט דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות. אינם משך פון אַ וואָכן זעקס אַן ערך זיינען צוזאַמענגעקליבן געוואָרן אויף דעם צוועק עטלעכע טויזנט רובל, און באַלד האָט אויך ד״ר עפּשטיין באַקומען די ערלויבעניש. מ׳האָט גענומען מאַכן די לעצטע הכנות, און ס׳איז געוואָרן באַשטימט, אַז די צייטונג זאָל אָנהייבן צו ערשיינען דעם 25=טן יולי.

דעם 20=טן יולי איז אָבער גאַנץ אומגעריכט פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער אַכזריותדיקער צאַרישער צירקולאַר, וועלכער האָט לגמרי פאַרבאָטן דאָס ערשיינען פון יידישע און העברעאישע צייטונגען אין רוסלאַנד. ממילא איז שוין וועגן „עתידות“ ניט געווען וואָס צו קלערן. דאָס צונויפגעקליבענע געלט איז תיכף צוריק אָפּגעגעבן געוואָרן די אַקציאָנערן, און מ׳האָט זיך געטרייסט מיט דער האָפענונג, אַז די גזרה וועט לאַנג ניט אָנהאַלטן. ס׳האָט זיך קיינעם ניט געוואָלט גלויבן, אַז מ׳וועט ביי זיך פועלן צו נעמען אַ גאַנץ פאָלק און פאַרשפּאַרן אים דאָס מויל.

אין אַ וואָכן זעקס אַרום איז שוין גאַנץ ליטע צוזאַמען מיט ווילנע אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן. פון דאַן אָן איז ווילנע געוואָרן אָפּגעשניטן ניט בלויז פון די קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן, וואָס זיינען פאַרבליבן אין רוסלאַנד, נאָר אויך אַפילו פון דעם אַרומיקן ליטווישן געגנט. ביי פינף חדשים זיינען אַוועק ביז ווילנע האָט דערלעבט צו האָבן אונטער דער ממשלה פון די דייטשן אַ טעגלעך בלאַט אויף יידיש—די „לעצטע נייס“. וועגן אַ געדרוקט העברעאיש וואָרט האָט מען ניט געקאָנט קלערן, און ס׳איז אויך ניט געווען ווער ס׳זאָל קלערן. זייענדיק אָפּגעריסן פון דער פּראָווינץ און האָבנדיק פאַר זיך נאָר ווילנע אַליין, וואָלט אַ העברעאיש בלאַט פון לכתחילה אָן פאַרמשפּט געוואָרן אויף קאָלאָסאַלע דעפיציטן. אַחוצדעם איז, ווי געזאָגט, קיינער ניט געווען, וואָס זאָל זיך אום דעם קימערן. פון דער קליינער גרופּקע, וועלכע האָט זיך פריער אָנגענומען צו סובסידירן דעם „עתידות“, איז שוין איצט אין ווילנע כמעט קיינער ניט געווען. אַזוי האָט זיך געצויגן ביז מיטן ווינטער 1918. צו יענער צייט האָבן זיך אָפּגעפונען אין ווילנע עטלעכע געציילטע מענטשן, יחידי=סגולה, וועלכע האָבן ביי זיך דערפילט דאָס באַדערפעניש אויפצולעבן דעם אַזוי לאַנג ביי אונז פאַרשטומטן העברעאישן וואָרט. די דאָזיקע אייניקע מענטשן האָבן אויך אויפגעמונטערט דערצו אַנדערע. דער סוף איז געווען, אַז אין אַ געוויסן שבת=אָוונט איז אין שטראַשונס ביבליאָטעק וועגן דער זאַך פאָרגעקומען אַ זיצונג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט די פאָלגנדע פּערזאָנען: הרב י. רובינשטיין, פרוי ראַבינער אסתר רובינשטיין, ד״ר א. ווירשובסקי, בנימין עפּשטיין, אליהו סופר, ש. קלויזנער, א. שיבאָווסקי, פּ. שוקיאַן, ב. הערשמאַן א. אַנד. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן פון צייט צו צייט העברעאישע זאַמלביכער אין העפטן פון צוויי בויגן איטלעכער. דאָרטן אויפן אָרט האָבן די דערביי־וועזענע פּערזאָנען באַלד אַריינגעטראָגן אַ געוויסע געלט-סומע, וואָס ס׳האָט אויסגעמאַכט צוזאַמען עטלעכע טויזנט דייטשע מאַרק. ס׳זיינען דאַן אויסגעקליבן געוואָרן די ה״ה: ב. עפּשטיין אַלס קאַסיר, א. סופר אַלס פאַרוואַלטער און דער שרייבער פון די שורות אַלס רעדאַקטאָר.

איך בין תיכף צוגעטראָטן צו זאַמלען דעם נייטיקן מאַטעריאַל פאַר דעם ערשטן העפט. ס׳האָט זיך דאַן אַרויסגעוויזן, אַז ווילנע איז שטאַרק פאַראָרימט געוואָרן אין העברעאיש=ליטעראַרישע קרעפטן, און דעריבער האָט מען באין ברירה ניט געקענט זיין אַזוי קלייבעריש אין דעם מאַטעריאַל, און מ׳האָט מקפּיד געווען נאָר אויף דעם, צי די זאַך איז דרוק=פּעאיק. צוליב דעם האָט שוין ממילא די פּראָגראַם אויך ניט געקענט זיין קיין אויסגעהאַלטענע. דאָס שטרעבן איז געווען צו געבן ריין ליטעראַרישע העפטן, און אויסגעקומען איז, אַז די אַרטיקלען האָבן געטראָגן אַ מער פּובליציסטישן, אָדער, ריכטיקער געזאָגט, אַ מער צייטונגס=כאַראַקטער. מ׳האָט אויך געמוזט דרוקן אַזעלכע זאַכן, וואָס זיינען איבערגעזעצט געוואָרן פון אַ יידישן צי פון אַ רוסישן כתב=יד, און אויך וועגן אַזעלכע ענינים, וואָס זייער אָרט איז, אייגנטלעך, אין ספּעציעל וויסנשאַפטלעכע זאַמלביכער.

דאָס ערשטע העפט פון „מעת לעת“ איז פאַרטיק געוואָרן אין דרוק סוף שבט תרע״ח. ערלויבט געוואָרן צום פאַרשפּרייטן איז עס ערשט מיט צוויי וואָכן שפּעטער, ווייל לויט דעם דייטשן פּרעסע=געזעץ האָבן זיך אומפּעריאָדישע אויסגאַבן געדאַרפט צענזורירן ניט אין ווילנע, נאָר אין דער צענזור ביים אָבאָסט, וועלכע האָט זיך געפונען ז.ין קאָווגע. דער כתב=יד, אָדער די קאָרעקטן, האָבן געדאַרפט אָפּגעשיקט ווערן קיין קאָוונע דורך דער ווילנער צענזור, און פון דאָרטן האָט עס דער דרוקער געדאַרפט באַקומען צוריק. אָט די דאָזיקע פּראָצעדור האָט אויפגעגעסן פיל איבעריקע צייט און האָט זייער באַשווערט דאָס אַרויסגעבן פון בראָשורן און אַלערליי ווערק. די ערלויבעניש צו פאַרשפּרייטן אין גאַנצן קאַנט פון אָבעראָסט דאָס ערשטע ה.עפּט פון „מעת לעת“ האָט זיך ערשט דערהאַלטן אינמיטן אדר. ערשט דאַן איז אויך מעגלעך געוואָרן צו אַנאָנסירן וועגן דער ערשיינונג פונם דאָזיקן העפט אין דעם איינציקן יידישן טאָגבלאַט, וואָס איז אַרויס אין אָבאָסט=געביט,

„די לעצטע נייס". דער פּרייז פון דעם ערשטן העפט איז געווען אַ האַלבער מאַרק. די ערשטע אויפלאַגע פון 1000 עקזעמפּלאַרן זיינען פאַרקויפט געוואָרן אין אַ חודש צייט. פון דעם האָט ווילנע צוגענומען 400 עקזעמפּלאַרן און די איבעריקע זיינען אַוועק אין דער פּראָווינץ. פון זיי זיינען דאָס רוב עקז. פאַרקויפט געוואָרן אין ביאַליסטאָק (150) און אין קאָוונע (ביי 100).

ערשט אין אַ חדשים דריי אַרום (אין סיון) איז אַרויס דאָס צווייטע ביכל פון „מעת לעת"—אַ טאָפּל=העפט פון 4 בויגן. ווען דאָס ערשטע העפט איז לויט זיין צוזאַמענשטעלונג אַרויסגעקומען מיט אַ איבערוויגנדיקן פּובליציסטישן אינהאַלט, האָט שוין דאָס העפט 2—3 געהאַט אַ מער ליטעראַרישן פּנים. אויסער אייניקע קליינע אַרטיקלען וועגן צייט=פראַגן האָט עס אַנטהאַלטן אַ ספּעציעל פאַרן „מעת לעת" געשריבענעם שיר פון ז. שניאור, אַ קורצע אָפּהאַנדלונג וועגן הערמאַן כהן פון ד"ר א. אָלשוואַנגער, אַ מאָנאָגראַפיע וועגן „די רעליגיעזע פּסיכישע עפּידעמיעס אין דער יידישער געשיכטע" פון ד"ר א. ווירשובסקי, אַ ביאָגראַפיע פון דעם טראַגיש פאַרשטאָרבענעם באַגאַבטן העברעאישן שריפטשטעלער בן=ישראל, זכרונות וועגן מענדעלי מו"ס, „דער נייער בירנבוים" (אַ המשך פונם ערשטן העפט) פון מ. שאַליט א. אַ. דאָס העפט איז אויך געדרוקט געוואָרן אין 1000 עקז., וועלכע זיינען אין אַ גאַנץ קורצער צייט בערך פאַרקויפט געוואָרן אין ווילנע און אין דער פּראָווינץ. געקאָסט האָט דאָס העפט 1 מאַרק. די פאָדערונג אויפן דאָזיקן העפט איז געווען אַ פיל גרעסערע ווי אויף דעם ערשטן, און די אַדמיניסטראַציע פון „מעת לעת" האָט דעריבער געפונען פאַר נייטיק מודיע צו זיין אין די בלעטער, אַז דאָס טאָפּל=העפט 2—3 איז אינגאַנצן אויספאַרקויפט געוואָרן און ס'איז ניט איבערגעבליבן קיין איין עקזעמפּלאַר.

אין פיר חדשים אַרום, תשרי תרע"ט, איז אַרויס אַ צווייטער טאָפּל=העפט פון „מעת=לעת": 4—5, און שוין מיט אַ סך אַ אינטערעסאַנטערן אינהאַלט. איבער דעם דערווייליגע געשטיגענעם מקח פון פּאַפּיר און דרוק, האָט מען געמוזט העכערן דעם פּרייז ביז 1.50 מאַרק פאַר דאָס העפט. פאַר דער צייט האָבן די דייטשן שוין געהאַט אָקופּירט מינסק, און תּיכּף איז די רעדאַקציע פון „מעת=לעת" אַריין אין פאַרבינדונג מיט עטלעכע פון די מינסקער שריפטשטעלער, ווי יכנה"ז, מיכל ראַבינאָוויטש א. א. וועלכע האָבן איר מבטיח געווען זייער מיטאַרבעטערשאַפט, און מיט דער ערשטער געלעגנהייט צוגעשיקט זייערע אַרטיקלען. אינם דערמאָנטן טאָפּל=העפט זיינען, צווישן אַנדערע, געווען געדרוקט אַ נייער שיר, „נבאים" פון ז. שניאור, אַ היסטאָריש=וויסנשאַפטלעכער אַרטיקל פון לעאָן שיינהויז, אַ קריטישע אָפּהאַנדלונג וועגן דער פּרוי גאָרדאָנס שירים פון אסתּר רובינשטיין, אַ כאַראַקטעריסטיק פונם תּלמודיש=געלערנטן שריפטשטעלער נחמן געצאָוו פון מיכל ראַבינאָוויטש, זכרונות וועגן י"ל פּרץ, „פּעדאַגאָגיע און נאַציאָנאַליזם" פון י. ל. טורבוביץ א. אַ. נעמענדיק אין אַכט דעם ערפאָלג פונם „מעת=לעת" איז געוועזט אַרויפגעשוואומען דער געדאַנק צו פאַרגרעסערן אים און אָנהייבן אַרויסצוגעבן אים וואָס עפּטער; מ'האָט שוין אַפילו געחלומט וועגן אַ חודש=זשורנאַל. די רעדאַקציע האָט זיך דאַן אויפגעשריבן וועגן דעם מיט נייע שריפטשטעלער אין וואַרשע און אין אויסלאַנד. ספּעציעל פאַרן „מעת=לעת" האָט שניאור דאַן אויפגעשריבן זיין באַוואוסטע פּאָעמע „ווילנה", וועלכע האָט זיך שפּעטער אָפּגעדרוקט אין דעם ערשטן ביכל פון „מקלט"; נאָך איינער אַ באַוואוסטער שריפטשטעלער האָט אונז צוגעשיקט אַ ראָמאַן פונם יידישן לעבן אין מלחמה=צייט געשריבן אין דער פאָרם פון אַ טאָגבוך. פון דער אַנדער זייט האָבן מיר באַקומען הבטחות פון פיל פּראָווינציעלע נאַציאָנאַליסטישע עסקנים צו פאַרשפּרייטן אין זייערע ערטער דעם „מעת=לעת" אין גרעסערע סכומים עקזעמפּלאַרן.

אין יענער צייט איז פאָרגעקומען אין ווילנע אַ ציוניסטישע קאָנפערענץ, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט דעלעגאַטן פון אַזעלכע ליטווישע שטעט און שטעטלעך, וואָס איבער געוויסע סיבות איז נאָך דער „מעת=לעת" ביז דאַמאָלסט אַהין ניט אַריינגעדרונגען. די הבטחות פון די דאָזיקע דעלעגאַטן, אַז אין זייערע ערטער לעכצט דער עולם נאָך אַ העברעאיש וואָרט, האָבן אונז נאָך מער אויפגעמונטערט, און באַקומענדיק פון מינסק אַ צוזאָג אָפּצונעמען פון יעדן העפט צו 300 עקזעמפּלאַרן, האָבן מיר די אונטערנעמונג געהאַלטן פאַר פעסט געזיכערט.

אונטער דעם איינדרוק פון די דאָזיקע הבטחות זיינען מיר נאָך סוכות תּרע"ט צוגעטראָטן צוזאַמענצושטעלן דעם זעקסטן העפט פון „מעת=לעת". מיט אַמאָל האָט אויסגעבראָכן די דייטשע רעוואָלוציע. די דייטשן האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן אונזער קאַנט. די פּאָליטישע סיטואַציע האָט זיך גענומען וואַקלען, פון טאָג צו טאָג איז ווילנע אַלץ מער אָפּגעריסן געוואָרן פון דער געגנט. אין שטאָט האָט זיך גענומען טומלען. באַלד איז אָנגעשטאַנען די קורצע, זעקס=טעגיקע ממשלה פון די לעגיאָנערן, און תּיכּף נאָכדעם איז קיין ווילנע אַריין די רויטע אַרמיי. ביי די דאָזיקע באַדינגונגען האָט דער „מעת=לעת" געמוזט ליקווידירט ווערן.

---

## ב.

אָט איז ליטע וווייטער פאַרבליבן אָן אַ העברעאישן אָרגאַן. איבער דער אומזיכערקייט פון דער פּאָליטישער לאַגע און די אָפּגעריסנקייט פון דער פּראָווינץ האָט מען וועגן באַנייען דעם „מעת=לעת" גאָר אַפילו ניט געקענט דענקען. אַזוי האָט זיך געצויגן ביז אינמיטן זומער 1919. דאַן האָט זיך ביים ציוניסטישן „מרכז" דערוועקט דער געדאַנק אַרויסצוגעבן ביי דער ציוניסטישער טעגלעכער „יידישער צייטונג" און אונטער דער זעלביקער רעדאַקציע פון ל. יפה אַ וועכנטלעך העברעאיש בלאַט פון איין דרוק=בויגן מיטן נאָמען „השבוע". דער ערשטער נומער פון „השבוע" איז אַרויס כ' תמוז תּרע"ט, אין טאָג פון הערצלס יאָרצייט, און האָט אַנטהאַלטן פאַרשיידענע ענינים, פּובליציסטישע און ריין ליטעראַרישע פון ל. יפה, י. ה. ייבין, ש. ל. ציטראָן און דוד שמעונוביץ. וועגן דעם צוועק פונם בלאַט האָט די רעדאַקציע אָפּגעגעבן די פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע ערקלערונג:

„אונטער דעם געררויש פון האַרמאַטן איז פאַרשטומט געוואָרן די שטים פון העברעאישן וואָרט. באַזונדערס איז זי אַנטשוויגן געוואָרן ביי אונז אין ליטע, וועלכע איז געווען די ערשטע אכסניא פון דער העברעאישער ליטעראַטור. אָפּגעריסן און אָפּגעשניטן זיינען מיר געווען פון דער גרויסער וועלט און פון די באַדייטנדסטע יידישע צענטערס, איינגעשפּאַרט אין דער פינסטערניש פון אַ געדריקטן, געמאַטערטן לעבן. פאַררוקט אין דער פינסטער איז געווען אויך דאָס העברעאישע וואָרט. אויך ביי היינטיקן טאָג זיינען מיר נאָך ווייט פון די קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן, און ניט איצטער איז די פּאַסנדיקע צייט פאַר דער באַשאַפונג פון יענער העברעאישער בימה, צו וועלכער מיר שטרעבן. מיר שיקן אין דער יידישער וועלט די דאָזיקע באַשיידענע בלעטער. אין זיי וועלן אָפּגעשפּיגלט ווערן אונזער אָרים, געמאַטערט לעבן אין דער געגנוואַרט און די גרויסע האָפענונגען אויף אָפּלעבונג אין דער צוקונפט. מיט זיי מוזן מיר זיך באַנוגענען צייטווייליק, ביז עס וועלן אַנטשטיין בעסערע און לייכטערע צייטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער העברעאישער פּרעסע".

דער „השבוע", וועלכער איז געווען אויסגערעכנט נאָר אויף ווילנע אַליין, האָט אַ גאַנץ קורצן קיום געהאַט. עס זיינען פון אים אַרויס מער ניט ווי דריי נומערן, און דווקא אינטערעסאַנטע; קיין פּערטן האָט ער שוין ניט דערלעבט. וויפיל געלט מ'האָט

אין אים אַריינגעלייגט, האָט עס אויפגעגעסן, און נאָך געבראַכט אַ גרויסן דעפיציט.

נאָך דעם צומאַכן פונם „השבוע" איז אַוועק עפּעס קנאַפּער פון אַ יאָר, און עס האָבן זיך ווידער אָפּגעפונען עטלעכע מענטשן, וועלכע האָבן דערוועקט די פראַגע וועגן אַ העברעאישן אָרגאַן. נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז היות ווי אין דער קאַסע פון דעם אָפּגעשטעלטן „מעת לעת" זיינען פאַרבליבן איניקע טויזנט מאַרק מיט עטלעכע ריס פּאַפּיר, זאָל מען זען צונויפקלייבן נאָך אַ סומע געלט און אויפדאָסניי אָנהייבן אַרויסצוגעבן העברעאישע אומפּעריאָדישע ליטעראַרישע העפטן. דעם דאָזיקן באַשלוס האָט מען אָבער באַלד אומגעביטן, און ס׳איז געבליבן מ׳זאָל אַרויסגעבן אַ העברעאישע וואָכנשריפט אונטערן נאָמען „החיים" (דאָס לעבן). גענומען פאַר דער זאַך האָבן זיך ד״ר א. ווירשובסקי, פּ. שוקיאַן און ל. סלאָנימסקי, וועלכע האָבן געשאַפן דעם נייטיקן קאַפּיטאַל פאַר דעם אָנהייב מיט דער האָפנונג, אַז די אונטערנעמונג וועט האָבן ערפאָלג אויף אַזוי פיל, אַז זי וועט זיך אַליין קענען טראָגן.

דער ערשטער נומער פון „החיים" איז אַרויס דעם 25 סיוון 1920. אין דעם קורצן איינלייטונגס־אַרטיקל פון דער רעדאַקציע אונטערן נאָמען „בשעה זו" (אין דער איצטיקער שעה) ווערט געזאָגט: „אין אַ מאָמענט פון וויכטיקע געשעענישן און איבער־קערענישן אין דער געשיכטע פונם יידישן פאָלק טרעטן מיר צו צו גרינדן אַ נייע בימה, אַן איינציקע לעת־עתה אין גאַנץ ליטע, פאַר דעם העברעאישן וואָרט. סיי אין גלות סיי אין ארץ־ישראל שטייט אָן אַ עפּאָכע פון אויפלעבונג און באַנייאונג אויף אַלע געביטן פון אונזער לעבן. אינגיכן וועט זיך, נאָך אַ סך דורות פון צעשטערונגען און חורבונות, אָנהייבן אויפן גאַנצן יידישן פראָנט אַ אינטענסיווע אַרבעט פון שאַפן און בויען. דאָס נייע לעבן און די נייע אַרבעט, וואָס דאַרפן זיך ביי אונז באַלד אָנהייבן, וועלן אונז, ליטווישע יידן, אַוועקשטעלן צווישן דעם אַלוועלטלעכן יידנטום פאַר באַזונדערס גרויסע און פאַראַנטוואָרטלעכע פּראָבלעמען, פּראָבלעמען פון געגנוואַרט און צוקונפט, וואָס די אַרט ווי אַזוי מיר וועלן זיי פאַרענטפערן, וועט דאַרפן דינען אונז און אַנדערע אַלס פּרובשטיין אויף וויפיל פּאָליטיש און מאָראַליש רייף עס געפינט אונז דער גרויסער היסטאָרישער מאָמענט, אין וועלכן מיר שטייען איצטער. אויפצוקלערן די דאָזיקע פּראָבלעמען און צו דעקלאַרירן די איבנדערמאָנטע פליכטן אויף דעם יסוד פון דעם יידישן אויפלעבונגס־געדאַנק און אין קאָנטאַקט מיט די אָרטיקע באַדינ־גונגען — דאָס וועט זיין די אויפגאַבע פון „החיים".

פון דעם „החיים" זיינען אַרויס דריי נומערן, וועלכע האָבן צווישן אַנדערע אַנטהאַלטן אַ מאָנאָגראַפיע וועגן דעם ווילנער גאון (צו זיין צוויי הונדערט־יאָריקן געבורטס־טאָג) פון י״א טריוואוש, אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אחד־העמ׳ן און זיין שול (צו ז״ר קלויזנערס 25־יעריקער ליטעראַרישער טעטיקייט) פון שמעון ראַבידאָוויץ, געדאַנקען פון ד״ר י. ה. ייבין, אַן ערציילונג פון יכנה״ז. דער פּרייז פון „החיים" איז געווען: זעקס מאַרק אין ווילנע און 7 מאַרק אין דער פּראָווינץ. פונאַנדערגעגאַנגען איז זיך דער „החיים" אין ווילנע פון 5—4 הונדערט עקזעמפּלאַרן וועכנטלעך (פון דעם האָט „יעקאָפּאָ" גענומען 100 עקזעמפּלאַרן). אין דער פּראָווינץ איז ער ניט געגאַנגען, ווייל ס׳איז ניט געווען קיין פאַרבינדונג. פונדעסטוועגן, טראָץ דעם דעפיציט, וואָס דער „החיים" האָט געהאַט, וואָלט מען אים געזען ווייטער אַרויסגעבן, ווייל ס׳איז געווען אַ האָפנונג, אַז ווילנע זאָל אָפּנעמען מערער עקזעמפּלאַרן און אַז ס׳וועט זיך סוף־כל־סוף איינשטעלן אַ פאַרבינדונג מיט דער פּראָווינץ. דער־ווייל זיינען אַריין די באָלשעוויקעס (דעם 14־טן יולי 1920), און צוליב דעם האָט זיך דער „החיים" געמוזט אָפּשטעלן.

שפּעטער, ווען ווילנע איז אַריבער אין דעם רשות פון די ליטווינער, האָט מען ווידער אָנגעהויבן צו שמועסן וועגן אַרויסגעבן אַ העברעאיש בלאַט מיט אַ באַזונדער ביילאַגע פאַר קינדער. דורך די קליינע האָט מען געהאָפט צוצוציען די גרויסע. פון דעם פּלאַן איז אָבער גאָר ניט אַרויסגעקומען, ווייל ביז וואָס ווען איז ווילנע פאַרנומען געוואָרן דורך זשעליגאָווסקיס אַרמיי

דעם 18־טן שבט תרפ״א (28־טן יאַנואַר 1921) האָט אָנגעהויבן צו ערשיינען אין ווילנע אַ העברעאיש וואָכנבלאַט „העם", אַרויסגעגעבן פון דער אָרגאַניזאַציע „מזרחי" אין ליטע. דער פּרייז פון אַ נומער איז געווען 20 מאַרק. ווייל דער „העם" איז געווען אָנגעוויזן נאָר אויף ווילנע אַליין, האָט ער דעריבער קיין מאַטעריעלן ערפאָלג ניט געהאַט, און צום פינפטן נומער האָבן אים די פאַרלעגער אָפּגעשטעלט.

אין זומער 1917 איז ה׳ מ. ב. שניידער צוגעטראָטן אַרויס־צוגעבן העברעאישע אומפּעריאָדישע זאַמלביכער און העפטן פון צוויי דרוקבויגן אונטערן נאָמען „שאלות היום", געשטיצט מאַטעריעל פון אַ גרופּע מיטגלידער „חובבי שפת עבר" צווישן וועלכע ס׳איז געווען אויך פרוי אסתר רובינשטיין. דאָס העפט איז באַשטאַנען פון פּובליציסטישע אַרטיקלען וועגן פאַרשיידענע צייט־פראַגן און פון בעלעטריסטיק, און געקאָסט האָט עס 1 מאַרק. די ערשטע אויפלאַגע פון 1200 עקזעמפּלאַרן איז אין אַ קורצער צייט פאַרקויפט געוואָרן אין ווילנע און אין דער פּראָווינץ. דאַן האָט ה׳ שניידער דאָס ערשטע העפט אַרויסגעגעבן אין אַ צווייטער אויפלאַגע, וועלכע איז זיך אויך פונאַנדערגעגאַנגען. אין עטלעכע חדשים אַרום איז אַרויס דאָס צווייטע העפט פון „שאלות היום". בעת דאָס דריטע העפט האָט געהאַלטן ביים אַרויסגיין פון דרוק זיינען אַריין די באָלשעוויקעס, דעריבער איז כמעט די גאַנצע אויפלאַגע געבליבן אומפאַרקויפט. פון דאַן איז שוין דער „שאלות היום" מער ניט אַרויס. אין לעצטן סך־הכל האָבן אַלע אַקציאָנערן פון „שאלות היום" צוריק באַקומען אַרויסגעצאָלט די סומען, וועלכע זיי האָבן אַריינגעלייגט אין דער אונטערנעמונג, און דאָס געשעפט האָט נאָך געבראַכט עטוואָס ריווח.

קיין באַזונדערע העברעאישע ווערק זיינען אין ליטע אין דער צייט פון די אָקופּאַציעס ניט אַרויס, אויסער דאָס ווערק: „הרצל חייו ופעולותיו" פונם שרייבער פון די דאָזיקע שורות, וואָס איז אַרויס אָנהייב יאָר 1921 אין פאַרלאַג פון ש. שרעבערק, און איז ערשינען סוף אַוגוסט אין אַ צווייטער אויפלאַגע, העברעאישע שירים צום זינגען פון ח. א. חזז און אַ דריי ביכלעך פאַר קינדער, אַרויסגעגעבן פון „תרבות".



משה לייבאָווסקי.

# די קונסט אין ווילנע.

I.

אַריבערהיפּנדיק דעם לאַנגן פּעריאָד פון דער צייט, ווען עס האָט נאָך עקסיסטירט דער פּוילישער אוניווערסיטעט מיט אַן אָפּטיילונג פון שיינער קונסט אַלס אַ באַזונדער פאַקולטעט מיט די קינסטלער סמוגלעוויטש און רוסטעם בראש, ווילן מיר אָנהייבן פון דער צייט פון דער רוסישער ממשלה. מיט אַ יאָר 60 צוריק האָט זיך אין ווילנע געגרינדעט אַ צייכנשול אונטערן נאָמען Виленская рисовальная школа, וועלכע האָט זיך געפונען אונטער דער השגחה פון דער קייזערלעכער קונסט=אַקאַדעמיע אין פּעטערבורג. די אַקאַדעמיע ווידער איז געווען אונטערן רשות ניט פון בילדונגסמיניסטער, נאָר פון מיניסטער פון קייזערלעכן הויף און דאָס איז געווען זייער וויכטיק, ווייל אַדאַנק דעם האָבן אין דער צייכנשול ניט געקענט געמאָלט זיין די אַלע באַגרעניצונגען פאַר יידישע תּלמידים, וועלכע וואָלטן געהאַט אַן אָרט, ווען די דאָזיקע שול וואָלט געווען אונטער דעם רוסישן בילדונגס=מיניסטעריום.

אין דער ווילנער צייכנשול האָבן געקענט אַריינטרעטן די אַלע, וועלכע האָבן געהאַט אַ וועלכע עס איז נייגונג צו קונסט אָן אונטערשייד פון אמונה, בילדונגס=צענז און שטאַנד. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אַ ריי יידישע קינסטלער, וועלכע האָבן זיך שפּעטער קונא שם געווען אין דער קינסטלערישער וועלט, האָבן באַקומען זייער ערשטע אויסבילדונג אין דער ווילנער קאַזיאָנער צייכנשול; אַדאַנק די דערמאָנטע מאָטיוון, האָט די צאָל יידן, וועלכע האָבן געענדיקט די דאָזיקע שול, אַריבערגעשטיגן די צאָל פון די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. נאָכן ענדיקן די צייכנשול איז מען געווען געניג צוגעגרייט אַריינצוטרעטן אין אַ העכערער ספּעציעלער קונסט=אַקאַדעמיע אין איינער פון די רוסישע אָדער אייראָפּעאישע הויפּטשטעט. דאָס רוב יידישע קינדער, צוליב די גזירות פון וואוינרעכט אין די רוסישע שטעט זיינען געווען געצוואונגען, אויב ניט אינגאַנצן צו וואַרפן די קאַריערע פון קונסט, איז—ווען עס האָט זיך איינגעגעבן—אַוועקצופאָרן קיין אויסלאַנד און דאָרטן ממשיך זיין זייער אויסבילדונג. דאָס האָט דווקא קיין שאָדן ניט געבראַכט, ווייל די רוסישע קונסט=אַקאַדעמיע איז אין די 70—90 יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט געווען זייער אָפּגעשטאַנען פון די אייראָפּעאישע שולן צוליב דעם טרוקענעם ביוראָקראַטישן רעזשים און דעם פּראָטעקציאָניזם סיי בנוגע דעם אויסוואַל פון פּראָפעסאָרן, סיי בנוגע די צוהערער ביים באַקומען דעם טיטל „קינסטלער". אַזעלכע נעמען, ווי עפּשטיין, קרעסטין, אַראָנסאָן, שאַץ, שאַטענשטיין און פיל אַנדערע—אַלע תּלמידים פון דער ווילנער צייכנשול—האָבן געמוזט זוכן זייער אידעאַל אין אויסלאַנד, און אויף אַזאַ אופן זיינען זיי כמעט ווי אָפּגעשניטן געוואָרן פון רוסלאַנד און אויך פון ווילנע—זייער ערשטן קוואַל פון קונסט.

די באַציאונגען פון יידישן עולם צו די אַלע יונגע קינדער מיט הייסע נשמות, מיט שיינע אידעאַלן איז, צום באַדויערן, געווען אַזאַ, וואָס מיר זעען דאָס זעלטן ביי וועלכן קולטור=פאָלק. אויף דעם אָרימן ייִנגל, וועלכער פלעגט זיך אַריינלאָזן אין אַזאַ ניט זיכערן ברויט ווי קונסט, פלעגט מען קוקן, אין בעסטן פאַל, מיט רחמנות. ביים יידישן קליינבירגערלעכן, אָפּטמאָל אַפילו זייער רייכן עולם, האָט געפעלט די טראַדיציע פאַר קונסט, און פאָדערן אונטערשטיצונג פון זיין זייט איז געווען נאַאיוו. אַפילו—נאָכדעם, ווי מ'פלעגט זיך דערוויסן פון דער ווייטן, אַז דער אָדער יענער איז עפּעס געוואָרן אין פּעטערבורג אָדער אין פּאַריז אַ לייט—האָט מען זייער דערמיט שטאָלצירט, אָבער אויב אַזאַ קינסטלער וואָלט זיך באַזעצט אין ווילנע, וואָלט דאָס געווען פאַר אים אַ גייסטיקע און מאַטעריעלע קבורה. די אַלע, וואָס פלעגן צופעליק אויף אַ ווײַלע קומען אין אונזער קאַנט, האָבן זייער מאַטעריעלע אונטערשטיצונג געפונען דווקא ביי ניט=יידן דורך באַשטעלונגען וכדומה. אַזאַ צושטאַנד האָט געדויערט נאָך גאָר ביז ניט לאַנג, כמעט ביז דער וועלט=מלחמה.

די מלחמה מיט אירע קאָנסעקווענצן און איבערקערענישן האָט אָבער ביי אונז, יידן, אין דעם אַ ביסל געענדערט די לאַגע. דער אויפגעוואַכטער אינטערעס צו אונזער שפּראַך און קולטור האָט אויך געבראַכט דערצו, אַז אין דער לעצטער צייט הייבט מען שוין אָן אויף דער יידישער גאַס צו ריידן וועגן קונסט.

איך וויל דאָ איבערגעבן מיינע איינדרוקן זינט דער צייט, ווען נאָך אַ עלף=יאָריקער אָפּוועזנהייט בין איך געקומען און באַזעצט זיך אין ווילנע. דאָס איז געווען אין יאָר 1908[1]. קומענדיק פון פּאַריז האָב איך געפונען אויף נייע גאַס 3, אין בנין פון דער יידישער האַנטווערקער=שול, אַ ניט לאַנג געגרינדעטע „געזעלשאַפט פאַר קונסט און מלאכה" און ביי איר צייכנקלאַסן, וואו בעל=מלאכות, דאָס רוב, פלעגן באַקומען אין די אָוונטן קינסטלערישע אויסבילדונג, וועלכע איז פאַרבונדן מיט זייער פאַך; אויך האָט מען דאָרט געגעבן אַלגעמיינעם אונטעררירכט אין צייכענען פאַר ניט=בעל=מלאכות. די דאָזיקע געזעלשאַפט און צייכנשול, אָפיציעל אינטערנאַציאָנאַלע, זיינען אין דער ווירקלעכקייט געווען יידישע, ווייל די גרינדער זיינען אַלע געווען יידן, הגם די שול פלעגן באַזוכן אויך איניקע קריסטן. צו דער צייט, וועגן וועלכער איך רייד, איז דורך די באַמיאונגען פון אַן ענערגישן טוער, דעם קינסטלער לייב אַנטאָקאָלסקי, אַ קרוב פון גרויסן סקולפּטאָר, איינגעאָרדנט געוואָרן אין זעלבן בנין פון דער האַנטווערקער=שול אַ אויסשטעלונג פון קונסט, אין וועלכע איך בין אויך איינגעלאַדן געוואָרן און גענומען אָנטייל. לייב אַנטאָקאָלסקי, וועלכער איז אויך געווען דער איניציאַטאָר און אָנפירער פון די צייכנקלאַסן, האָט אין דעם זין געהאַט די גוטע כוונה צו פאַראינטערעסירן דעם יידישן עולם, די מיטעלע און די אַרבעטנדיקע שיכטן, מיט פּלאַסטישער קונסט. איך דאַרף באַמערקן, אַז אין אַלגעמיין פלעגן ניט זעלטן פאָרקומען אין ווילנע קונסט=אויסשטעלונגען, נאָר זיי האָבן שטענדיק געטראָגן אַ עפּיזאָדישן כאַראַקטער. עס פלעגן זיין אויסשטעלונגען פון פּוילישער קונסט, פון ליטווישער, פון רוסישע באַזונדערע קינסטלער, למשל, פון ווערעשטשאַגין אין קייזערלעכן פּאַלאַץ,—אָבער דאָס איז אַלץ געווען גאַנץ צופעליק און זייער=זייער ווייט פון די ברייטע שיכטן פון פאָלק, נאָך ווייטער און פרעמדער פון די יידישע שיכטן. אויך די אויסשטעלונג איז געווען אַ צופעליקע, אין ווילנע האָט נאָך ניט עקסיסטירט די אינסטיטוציע, וואָס זאָל פּראָפּאַגאַנדירן קונסט דורך אָרגאַניזירטע פּעריאָדישע אויסשטעלונגען א. אַז. וו. די אויסשטעלונג איז אַראַנזשירט געוואָרן אין אַ יידישן בנין, כדי צוצוציען דעם יידישן עולם. די גרעסטע צאָל ווערק האָבן געהערט דעם אין ווילנע געבאָרענעם און אויפגעצויגענעם פּויליש=

רוסישן קינסטלער דאָבוזשינסקי, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער רוסישער קונסט און איז געוואָרן זייער באַרימט. אויסער די ווערק פון דעם דאָזיקן קינסטלער, זיינען די איבעריקע עקספּאָנאַטן באַשטאַנען פון גאַנץ צופעליקע קליינע זאַכן, צו ביסלעך פון אַ סך, דערהויפּט פון רוסישע, קינסטלער, וואָס הגם זיי זיינען געווען פון אַזעלכע מאָלער ווי רעפּין מיט ניט קיין פאַרענדיקטן פּאָרטרעט-עסקיז און נאָך אַנדערע רוסישע און אפילו יידישע נעמען ווי פּאַסטערנאַק, האָבן זיי קיין שום באַדייטונג ניט געהאַט אין זין פון אַנטוויקלען דעם עולם. די באַרימטע נעמען האָבן קאָנטיק געוואָלט בלויז יוצא זיין, געגעבן קלייניקייטן, אָבער צו זען די גאַנץ גרויסע צאָל געשמאַקפולע און אינהאַלטסרייכע ווערק פון דאָבוזשינסקי אַליין, מיט זיינע פּראַכטפולע ווילנער „ווינקעלעך", האָט געלוינט צו גיין זען די דאָזיקע אויסשטעלונג. אָבער ניט קוקנדיק אויף אַ גאַנצע ריי אַרטיקלען אין דער אָרטיקער יידיש-רוסישער פּרעסע, וועלכע האָבן גענוי דערקלערט דעם אינהאַלט פון די אויסגעשטעלטע ווערק און רעקאָמענדירט דעם עולם גיין אויף דער אויסשטעלונג, איז צום באַדויערן פון יידישן עולם געקומען אַ קנאַפּער מנין מענטשן פאַר דער גאַנצער צייט. דאָס ביסל באַזוכער פון דער „יידישער אויסשטעלונג" זיינען כמעט אַלע געווען פרעמדע.

אין יענער צייט האָט שוין אויך עקסיסטירט די ניט לאַנג געגרינדעטע פּוילישע צייכנשול, אויך פאַר בעל-מלאכות, געגרינדעט און אויסגעהאַלטן דורך דעם אין יענער צייט באַוואוסטן פּוילישן קולטור-טוער מאָנטוויל. די אַלטע קאַזיאָנע צייכנשול האָט נאָך עקסיסטירט אונטערן זעלבן אָנפירער — דעם גרייז-גרויען, כמעט לעגענדאַרישן איוואַן פּעטראָוויטש טרוטניעוו, וועלכער האָט נאָך די שול געגרינדעט און געווען אין איר אַ האַלבן יאָרהונדערט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז ניט קוקנדיק אויף דער גאַנץ שטרענגער עלעמענטאַרער אויסבילדונג, וואָס מ'פלעגט דאָרט באַקומען און וואָס עס האָט גרויסע נוצן געבראַכט, האָט דאָרט געפעלט דער נייער לעבעדיקער גייסט פון יונגע קרעפטן מיט די מאָדערנערע פּעדאַגאָגישע פאָדערונגען. און דאָס איז געווען די סיבה, וואָס די נייע שולן האָבן געהאַט אַ גרויסן ערפאָלג, אַריינטראָגנדיק אַ פרישן שטראָם פון לעבן. אין אַ קורצער צייט אַרום ווען דער אַלטער טרוטניעוו איז געשטאָרבן — אין עלטער פון איבער 90 יאָר — האָבן זיך אָנגעהויבן רייבונגען צוליב דעם וואַקאַנטן אָרט. דער געהילף פון געשטאָרבענעם ריבאַקאָוו האָט געהאָפט איבערצונעמען די אָנפירונג פון דער שול, אָבער פון דער הייך האָט מען געשיקט אַן אַנדערן, אַ געוויסן יוזשאַנין, אַ קנאַפּער קינסטלער, אַ האַלבער אַרכיטעקט, און די תּלמידים, כמעט אַלע יידן, זיינען, אַלס פּראָטעסט, אַרויסגעטראָטן פון דער שול. דער נייער פאַרוואַלטער האָט אָבער געהאַט גענוג טאַקט און שכל זיך ניט מישן אין לימוד גופא און בלייבן מער ניט ווי פאַרוואַלטער און דערביי האָט ער איינגעלאַדן אַלס לערער אַ ערשטקלאַסיקן מאָסקווער יונגן קינסטלער סערגעיעוו, וועלכער האָט אין אַ גאַנץ קורצער צייט אַוועקגעשטעלט די שול אויף אַזאַ הייך, אויף וועלכער זי איז נאָך קיינמאָל ביז דאַן ניט געשטאַנען. אַרום דעם אָן טעטיקייט געבליבענעם ריבאַקאָוו, וועלכער איז אַרויסגעטראָטן פון שול, האָבן זיך געגרופּירט די עטלעכע יידישע תּלמידים און ער האָט געגרינדעט אַ פּריוואַטע קונסטשול, וועלכע איז אונטערגעשטיצט געוואָרן דורך דער „ווילנער קונסט-געזעלשאַפט", וואָס האָט זיך אויך אין יענער צייט געגרינדעט. די דאָזיקע געזעלשאַפט, וועלכע האָט צונויפגעבונדן די קינסטלער פון אַלע היגע נאַציאָנאַליטעטן, האָט געשפּילט זייער אַ גרויסע ראָלע אין דעם קונסט-לעבן פון ווילנע און וואָלט נאָך עד-היום געבליט, ווען ניט די וועלט-מלחמה. פון די ליטווינער זיינען אין דער געזעלשאַפט אַריינגעטראָטן איינער פון די אָריגינעלסטע קינסטלער פון היינטיקער צייט טשורלאַניס (געשטאָרבן מיט 10 יאָר צוריק), זשמוידזינאָוויטש, רימשאַ א. אַנד., פון די פּאָליאַקן — רושטשיץ, סעסטזשענצעוויטש און נאָך אייניקע; פון די רוסן באַרמאַשאָוו, וואָלאָנסעוויטש, ריבאַקאָוו; פון די יידן ל. אַנטאָקאָלסקי און איך. די דערמאָנטע געזעלשאַפט האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו פּראָפּאַגאַנדירן און פאַרשפּרייטן פּלאַסטישע קונסט אין גאַנצן צפון-מערבדיקן קאַנט דורך איינאָרדענען אויסשטעלונגען, לעקציעס וועגן קונסט, גרינדן שולן, פאַרבעסערן אין קינסטלערישן זין די פּראָדוקציע פון בעל-מלאכות, „קוסטאַרן" א. אַז. וו. לויטן סטאַטוט האָבן אין דער געזעלשאַפט געקענט אַריינטרעטן ניט נאָר פּלאַסטישע קינסטלער, נאָר אויך די אַלע, וואָס האָבן אַ שייכות צו קונסט, ווי למשל, אַקטיאָרן, פּאָעטן, שריפטשטעלער, אויך מיטפּילער און מעצענאַטן פון קונסט. די זיצונגען פון דער פאַרוואַלטונג, אין וועלכער עס זיינען אַריין צו 3 פאָרשטייער פון יעדער נאַציאָנאַליטעט, פלעגן פאָרקומען פּעריאָדיש אונטער דעם אויסגעקליבענעם פאָרזיצער ה. ווענסלאַווסקי, וועלכער איז געווען דאַן שטאָטישער „גאָלאָוואַ".

מ'האָט גלייך גענומען אַרבעטן ניט שלעכט. די ערשטע פרילינגס-אויסשטעלונג איז אַראַנזשירט געוואָרן אין יאָר פון דער גרינדונג פון דער געזעלשאַפט (אין פעברואַר 1909) אין בנין פון צירק אויף לוקישקער פּלאַץ. עס האָבן גענומען אַן אָנטייל אין איר כמעט אַלע אָרטיקע קרעפטן, אויך פון וואַרשע, מאָסקווע, פּעטערבורג, ריגע און אַנדערע ערטער. דער אינטערעס מצד דער ווילנער געזעלשאַפט, סיי יידישער, סיי קריסטלעכער, איז געווען באַדייטנד. די פּרעסע האָט זייער מיטגעהאָלפן. דער אַלגעמיינער איינדרוק פון דער אויסשטעלונג איז געווען זייער אָן אָנגענעמער. פאַרן ערשטן שריט איז דאָס געווען זייער פיל.

די ווייטערדיקע יערלעכע פרילינגס-אויסשטעלונגען פון דער געזעלשאַפט האָבן געדויערט ביזן מלחמה-יאָר אַלץ מיט בעסערע רעזולטאַטן. שפּעטער אין משך פון די ווינטער-סעזאָנען פלעגן פאָרקומען אינטימע חברישע אָוונטן, וואו מ'פלעגט צוזאַמען צייכענען, מאָלן, פאָרלייענען א. אַז. וו., אויסערדעם פלעגט מען אַלע שבת אַראַנזשירן קינסטלערישע אָוונטן פאַר אַ געקליבענעם עולם, אין לאָקאַל פון דער געזעלשאַפט, זאַוואַלנע 21. די דאָזיקע אָוונטן פלעגן טראָגן דעם כאַראַקטער פון עסטעטישע פאַרוויילונגען מיט קאַבאַרע-אָפּטיילונגען, אויף וועלכע עס פלעגן אַרויסטרעטן די אַרטיסטן פון שטאָטישן טעאַטער אַלס חברים פון דער קינסטלערישער משפּחה. אַלע געדענקען נאָך די אַרויסטרעטונגען פון מאָנסוועטאָוואַ, דאַווידאָוויטש, סניעגאָוו, סאָניע ליובאָצקאַיאַ (די איצטיקע עלמית) און פיל אַנדערע. אַלץ האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון שטרענג אויסגעהאַלטענער קונסט. די וועגט פלעגן זיין באַפּוצט יעדן שבת מיט אַלץ נייע פּאַנאָס, קאַריקאַטורן, שאַרזשן, פון די קינסטלער גופא, פון ווילנער פּערזענלעכקייטן און פון דורכפאָרנדיקע גדולים. די געקומענע קיין ווילנע געסט פלעגן זיין איבעראַשט, געפינענדיק אויף די ווענט זייערע אייגענע פּאָרטרעטן-שאַרזשן אין נאַטור-גרויס. אַזוי איז געווען, למשל, מיט שלום אַש, צעציליע גאַנזען, זאַסלאַווסקי און פיל אַנדערע, מערסטנטיילס אויס דער וועלט פון קונסט, מוזיק און ליטעראַטור. עס איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ וועכנטלעכער הומאָריסטישער זשורנאַל — אין אָריגינעלער אויספירונג — וואו עס פלעגט זיך אָפּשפּיגלען דאָס ווילנער לעבן, דערהויפּט דאָס לעבן פון די קינסטלער. דער עולם פלעגט מיט אומגעדולד שוין וואַרטן, וואָס וועלן די קינסטלער דעם שבת זיי צוטראָגן. די אָוונטן פלעגן זיין באַזוכט פון עולם אַזוי שטאַרק, אַז מיט גרויס פּראָטעקציע פלעגט מען קענען באַקומען — צוליב

מאַנגל אין אָרט—אַן איינטריטסקאַרטע; דאָס אַלץ האָט געבראַכט דערצו, אַז ביסלעכווייז האָט מען אָנגעהויבן זיך אינטערעסירן אַלײן מער און מער ניט נאָר מיט די קינסטלער, נאָר אויך מיט דער קונסט. דאָס באַווייזט די גרויסע צאָל באַזוכער אויף די אויסשטעלונגען און אויך דער מאַטעריעלער ערפאָלג, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט אין פאַרקויפן קונסטווערק און באַשטעלונגען א. אַז. וו. זייער אָפט פלעגן אַראַנזשירט ווערן לעקציעס פאַרן ברייטן עולם וועגן קונסט, טעאַטער, מוזיק, פּאָעזיע אין אייגענעם לאָקאַל אָדער אין שטאָט=זאַל. דער לעצטער גרויסער אָוונט אין שטאָט=זאַל, „דער אָוונט פון די קינסטלער", וועלכער איז פאָרגעקומען מיט גרויס ערפאָלג, איז נאָך ביי אַ סך פריש אין זכרון. עס זיינען געווען קאַוואַלקאַדעס אין קאָסטיומען, היסטאָרישע, הומאָריסטישע און אַקטועלע, „קינסטלערישע ווינקעלעך". עס זיינען אַרויסגעטראָטן אַרטיסטן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. דער אָוונט איז געווען פאַרן ווילנער עולם גאָר אַ נייס און האָט געמאַכט זייער אַ גרויסן רושם.

---

## .II

מיטן אָנהייב פון דער מלחמה און דאַן פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז אַלץ אָפּגעשטאָרבן. דאָס רוב קינסטלער, אַ גרויסער טייל יידן און פּאָליאַקן און אַלע רוסן, זיינען אַוועק פון ווילנע, און די איבערגעבליבענע זיינען ווי מיט אַ כּישוף צעשפּאָלטן געוואָרן לויט די נאַציאָנאַליטעטן. די אַלע קונסט=אַנשטאַלטן זיינען געוואָרן פאַרמאַכט אָדער עוואַקואירט, דאָס לעבן איז געוואָרן שווער. קיינעם איז ניט געלעגן אין זין אויפצולעבן די קונסט.

ביסלעכווייז, אָבער, דורך דער איניציאַטיווע פון די דייטשן, האָבן זיך עפּעס יאָ גענומען ווייזן סימנים פון אַ באַוועגונג אויפן געביט פון קונסט. די אָקופּאַנטן, צוליב פּאָליטישע סיבות—צו ווייזן, אַז זיי טראָגן מיט זיך קולטור, און אפשר צוליב ריין כּאַטעריעלע צוועקן—ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן,—האָבן פאַרטראַכט צו אָרגאַניזירן אין ווילנע אַ צווישננאַציאָנאַלע אַנשטאַלט, וועלכע האָט געטראָגן דעם נאָמען „אַרבעטסשטובן". דאָרטן האָבן געזאָלט מיטאַרבעטן אונטער איין דאַך אַלע היגע נאַציאָנאַליטעטן מיט זייערע עטנאָגראַפיש=כאַראַקטעריסטישע שאַפונגען אין דער פיינער מלאכה, למשל קינסטלערישע שניצעריי, האַפּטעריי, וועבונגען, שפּילצייג, מיט איין וואָרט—מיט אַלעם דעם, וואו די מלאכה איז פאַרבונדן מיט קונסט. עס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן דורכן שטאָטהויפּטמאַן צו 3 פּערזאָן פון יעדער נאַציאָנאַליטעט, מערסטנטיילס קינסטלער. עס האָט זיך געבילדעט אַ קאָמיטעט, וואו פון די פּאָליאַקן זיינען אַריין דער קינסטלער ס ע ס ט ז ש ע נ צ ע ו ו י ט ש און נאָך ווער, פון די ליטווינער ז ש מ ו י ד ז י נ אָ ו ו י ט ש, ו ו י ל י י ש י ס און נאָך עמיצער, פון די ווייסרוסן ל ו צ ק ע ו ו י ט ש און נאָך עמיצער; די 3 יידן זיינען געווען אינזשעניער ק ל ע ב אַ נ אָ ו ו, ד"ר ו ו י ג אָ ד ס ק י און איך; און אונטערן פאָרזיץ פון ד"ר א י י כ ל ע ר, דעם פאָרשטייער פון דער דייטשער מאַכט, האָט מען אָנגעהויבן אַרבעטן און אָרגאַניזירן די זאַך. מ'האָט זיך צעטיילט מיטן בנין פון געוועזענעם רוסישן גענעראַל=שטאַב ברייטע גאַס 43, זייער שיין אים אויסגעראַמאָנטירט און דאָרט אַראַנזשירט די פּערמאַנענטע אויסשטעלונג פון די מלאכות. יעדע נאַציאָנאַליטעט האָט געהאַט אירע חדרים, דעקאָרירט אין דעם אייגענעם סטיל, עס האָבן נאָך געדאַרפט בלייבן עד=היום—אויב מ'האָט דאָס ניט פאַרמעקט—אין דער יידישער אָפּטיילונג די פריזן, געפלאָכטן פון יידישע מאָטיוון און אותיות. אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער יידישער אָפּטיילונג האָט געהאַט דער פאַקט, וואָס אַדאַנק דער ענערגיע פון אינזשעניער קלעבאַנאָוו האָט ווידער אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן די געזעלשאַפט „הילף דורך אַרבעט". זייער פיל קינדער, וואָס זיינען געבליבן נאָך דעם אַוועקגאַנג פון די רוסן, ביי פאַרמאַכטע אַנשטאַלטן, ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן, זיינען אַריינגעטראָטן אין דער דאָזיקער פּראָפעסיאָנעלער שול, וואו אויסער די פון כּריער עקסיסטירנדיקע אָפּטיילונגען, ווי שניידעריי, האַפּטעריי, איז געעפנט געוואָרן אַ אָפּטיילונג פאַר האָלץ=שניצעריי און אויך שילדן=מאָלעריי און שפּיצן=אויסאַרבעטונג. אַלץ, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אין „הילף דורך אַרבעט", האָט זיך זייער גוט פאַרקויפט אין די דאָזיקע „אַרבעטסשטובן". דאָרט אויף אַן אָרט פלעגן קליינע גרופּעס אַרבעטער דעמאָנסטרירן זייער אַרבעט פאַר די באַזוכער.

די נאַציאָנאַלע אָפּטיילונגען פלעגן זיך פלייסן אין זייער פּראָדוקציע, איינער האָט ניט געוואָלט אָפּשטיין פון דעם אַנדערן אין די אויגן פון די נייע בעלי=בתים. ביי די יידן איז געווען איין אָפּטיילונג, וועלכע האָט, לויט די אָפּשאַצונגען פון די דייטשן גופא (אין די רעצענזיעס און באַשרייבונגען אין זייערע קאַטאַלאָגן וכדומה), געדינט אַלס אַטראַקציע פון דער אויסשטעלונג פון די „אַרבעטסשטובן"; דאָס איז געווען די אָפּטיילונג פאַר קינסטלערישער האָלץ=שניצעריי. פון די געוועזענע בעסערע תלמידים פון דער יידישער האַנטווערקערשול, וועלכע זיינען געבליבן אָן באַשעפטיקונג, האָט זיך געבילדעט ביי דער געז. „הילף דורך אַרבעט" אַ ספּעציעלער וואַרשטאַט פון קינסטלערישער שניצעריי. די אידעע איז געווען זייער אַ געלונגענע: צונויפקלייבן די אַלע פעאיקע יונגעלייט, וועלכע וואָלטן ביי אַנדערע באַדינגונגען געבליבן אַרבעטער ביי די בעלי=בתים פון דער געשמאַקלאָזער מעבל=קאָנפעקציע, און געבן זיי די מעגלעכקייט אַרויסצווייזן זיך אַלס קינסטלער. די אַרבעט איז באַשטאַנען אין רעפּראָדוצירן אין האָלץ די אַלע אָריגינעלע סקולפּטורן, וועלכע האָבן זיך צופעליק געפונען אין דער האַנטווערקערשול. אַנדערע האָט מען געבראַכט פון דעם יידישן מוזיי, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז אַנטוויקלען אין ווילנע. עס זיינען געווען אייניקע זאַכן פון אַנטאָקאָלסקי, אַראָנסאָן, און פון אייניקע געוועזענע תלמידים, קינפּטיקע קינסטלער, וועלכע האָבן איבערגעלאָזן אין האַנטווערקערשול זייערע ערשטע שאַפונגען, צווישן אַנדערן קולוויאַנסקיס „די תלמודיסטן", „דער חדר=ייִנגל" און נאָך זאַכן. די דאָזיקע פון האָלץ אויסגעשניצטע רעפּראָדוקציעס זיינען אין אַ קורצער צייט געוואָרן אַזוי פּאָפּולער ביי די דייטשן, אַז מ'האָט דערמיט אָנגעהויבן זיך צו אינטערעסירן אין די גאַנץ הויכע קרייזן און אין טיף דייטשלאַנד, פון וואַנען עס פלעגן אָנקומען אַזוי פיל באַשטעלונגען, אַז מ'האָט ניט געקענט צופרידנשטעלן אַלעמען און מ'האָט געמוזט זייער פיל אַנטזאָגן צוליב מאַנגל אין אויספירער, וועלכע זיינען געווען בלויז אַ 5—6 פּערזאָן. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט דער יונגער סקולפּטאָר ג אָ ט ל ע ר, וועלכער פלעגט מיט אַ ראַפינירטער פינקטלעכקייט און געשמאַק אימיטירן אין האָלץ אַפילו די מאַניר פון דעם קינסטלער, וועמעס אָריגינאַל ער האָט קאָפּירט. די גאַנצע אַרבעט האָט זיך געפונען אונטער דער השגחה פון אַ קינסטלער, וואָס אונטער זיין קאָנטראָלע איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן די אַרבעט פון וואַרשטאַט. עס זיינען אויך געשאַפן געוואָרן אָריגינעלע זאַכן דאָרטן גופא.

אַחוץ דער דאָזיקער, מ'קען זאָגן, קונסט=אַנשטאַלט, האָבן זיך סיי ביי די יידן, סיי ביי די קריסטן ניט אַרויסגעוויזן קיין שום סימנים פון קינסטלערישן לעבן. אמת, ביי די פּאָליאַקן האָבן פיגורירט די קינדערשע שפּילצייג, פון פלאַכע ברעטעלעך אויסגעשניטענע טיפּן, זייער בונט באַפאַרבט אין פּאָלקסטימלעך=פּרימיטיוון סטיל. די דייטשן האָבן דערפון געכאַפּט די אידעע און האָבן אַליין געעפנט גרויסע וואַרשטאַטן צו פאַבריצירן די „פּאָלקס=

אויסאַרבעטונגען" פון קאַנט און האָבן אויף דער אויסשטעלונג גופא געעפנט פאַרקויפשטעלן צו קאָנקורירן מיט די אמתע פאָלקס-אויסאַרבעטונגען.

אין די דייטשע וואַרשטאַטן האָבן געאַרבעט אַ גרויסע צאָל פון די ווילנער אָרטיקע קינדער, ווען מ'האָט געצאָלט גראָשנס, אונטער דער אָנפירונג פון דייטשע קינסטלער, וועלכע פלעגן באַאַרבעטן דעם פוילישן און ווייסרוסישן סטיל אויף זייער אופן, אַז עס איז געווען שרעקלעך אָנצוקוקן. אָבער אין דייטשלאַנד פלעגט דאָס אַוועקגיין פאַר אָריגינעלע פאָלקס-שאַפונגען און מ'האָט געמאַכט ניט קיין שלעכטע געשעפטן.

פון דער אַנדערער זייט האָבן די דייטשן אַריינגעטראָגן אַ שטראָם פון זייער אייגענער קונסט דורך אויסשטעלונגען, וועלכע זיינען אַראַנזשירט געוואָרן עטלעכע מאָל פאַר דער צייט פון זייער אָקופּאַציע. אויסער דעם פלעגט דער עולם זייער אָפט זען אויף די גאַסן סאָלדאַטן-קינסטלער, וועלכע פלעגן מיט גרויס ליבע און אינטערעס אויסשטודירן די אַלטע ווילנער געסלעך און בנינים. עס האָט זיך באַקומען ביים עולם אַן איינדרוק, אַז נאָר פרעמדע קענען אָפּשאַצן אונזער קינסטלערישע שטאָט מיט איר אייגנאַרטיקער אַרכיטעקטור, אין דער צייט וואָס אונזערע אייגענע קינסטלער האָבן זיך קנאַפּ-וואָס אינטערעסירט דערמיט, מיינענדיק, אַז דאָרטן איז שיין, וואו מיר זייגען ניטאָ. אַגב האָב איך שוין דערמאָנט, אַז טאָמער פלעגט ווער פון אונזער שטאָט ווערן אַ קינסטלער, פלעגט אים שוין ווילנע אין די אויגן ניט אָנזען...

די ערשטע דייטשע אויסשטעלונג איז געווען פון די אָבער-אָסט-קינסטלער ד. ה. פון די אַלע מיליטערישע קינסטלער, וועלכע האָבן פאַרבראַכט אין אונזער געגנט און געשאַפן אין דער צייט פון דער אָקופּאַצ'יע. די אָרטיקע קינסטלער האָבן אַפילו אַלע באַקומען איינלאַדונגען, אָבער צוליב דער אַלגעמיינער טרויעריקער לאַגע, וואָס די אָקופּאַנטן האָבן געשאַפן, האָט קיינער סיי פון די יידן, סיי פון די קריסטן ניט געהאַט קיין חשק צו פיגורירן מיט זיי אין איין קאַטאַלאָג. אויף דער דאָזיקער אויסשטעלונג זיינען געווען אַפילו איניקע זייער אינטערעסאַנטע זאַכן, דאָס רוב אָבער איז באַשטאַנען פון קריגסוואַרג. דער יידישער קינסטלער-ליטאָגראַף ה ע ר מ אַ ן ש ט ר ו ק אַלס דייטשער סאָלדאַט האָט דאָרט באַוויזן זיינע איניקע גאַנץ שוואַכע ליטאָגראַפיעס און געמעלן.

שפּעטער אָבער איז אַראַנזשירט געוואָרן אַ גאַנץ אַנדערע אויסשטעלונג, זייער אַן ערנסטע, וואו עס האָבן פיגורירט אַזעלכע קאָריפייען, ווי ד ע ט מ אַ ן, ל י ב ע ר מ אַ ן, א ו ד ע, ל ע נ ב אַ ך און נאָך אַנדערע, ווי אויך אייניקע אימפּרעסיאָניסטן פון דער מאָדערנער שול (די עקסטע טענדענצן אין דער מאָלעריי איז דאָרט ניט געווען פאָרגעשטעלט). צום ערשטן מאָל האָבן די יונגע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס דורך דער איניציאַטיווע פון י ו ס ף א י ז ב י צ ק י, וועלכער האָט זיך צו מיר געווענדעט וועגן דעם ענין, געהאַט די געלעגנהייט אונטער דער אָנפירונג פון אַ קינסטלער צו באַזוכן די אויסשטעלונג, און דורך די ערקלערונגען אויף אַן אָרט, באַקענען זיך מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אייראָפּעאישער קונסט פאַר דער לעצטער צייט. עס האָבן באַזוכט די אויסשטעלונג אויך די יידישע פאָלקס-לערער און תלמידים, פאַר וועלכע עס זיינען אויף אַן אָרט געלייענט געוואָרן לעקציעס וועגן קונסט. נאָך דער דאָזיקער אויסשטעלונג זיינען פאָרגעקומען נאָך אויסשטעלונגען פון גרעסערער אָדער קלענערער באַדייטונג, דאָך זייער אינטערעסאַנטע.

פון די דייטשע קינסטלער, וועלכע האָבן זיך געפונען שטענדיק אין ווילנע, איז געווען איינער מיטן נאָמען ב ו ה ע, וועלכער האָט אין זיינע אייניקע ווערק מיט פיל הומאָר און כאַראַקטער איבערגעגעבן די יידישע געסלעך, קרעמלעך מיט די צעווייטאָגטע נשמות און צעקרימטע קערפּערס פון אָרימן עולם.

די אַנדערע האָבן זיך ווייניקער אינטערעסירט מיט דעם דאָזיקן זשאַנר. דאָס זיינען געווען גיכער "קאַזיאָנע" מאָלערס, אַפילו זייער פּעאיקע, וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט אין די ווילנער דייטשע אילוסטרירטע וואָכנבלעטער. די דאָזיקע אויסגאַבן זיינען פאַרבליבן אַלס זייער אינטערעסאַנטע דאָקומענטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע, און קענען עד-היום דינען אַלס מוסטער פון אילוסטרירטע אויסגאַבן פאַר אַזאַ, לפי-ערך, ניט קיין גרויסן צענטער ווי ווילנע. אין די דאָזיקע אילוסטראַציעס, אויך דורך פאָטאָגראַפישע אויפנאַמען, האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דאָס טיפּישע לעבן פון אַלע היגע נאַציאָנאַליטעטן. אין ווילנע האָט מען נאָך אַזוינס ביז יענער צייט קיינמאָל ניט געזען.

עס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן ספּעציעלע ביכער, אַלבאָמען, וואו עס איז געווען באַשריבן די אַלטע דענקמעלער און די אינטערעסאַנטסטע בנינים און קירכן פון ווילנע, זייער געשיכטע, זייער אַרכיטעקטור און עפּאָכע פון היסטאָרישן און קינסטלערישן שטאַנדפּונקט, אַלץ זייער רייך אילוסטרירט. אמת, אויך פאַר די דייטשן זיינען אַרויס אייניקע ווערק פון דעם מין, אין רוסיש, ווי אויך אין פּויליש, אָבער די ערשטע האָבן געטראָגן אַ טענדענציעזן כאַראַקטער פון רוסיפיקאַציע, און די צווייטע זיינען געווען פאַר ספּעציאַליסטן, דערצו זייער טייער. די דייטשע אויסגאַבן אָבער, ניט קוקנדיק אויף דער הויכער קוואַליטעט פון דער אויסגאַבע, זיינען געווען אַזוי צוטריטלעך פאַרן עולם, אַז עד-היום געפינט מען זיי אין הונדערטער אין פיל ווילנער הייזער. פון די מער באַוואוסטע אויסגאַבן קען מען אָנרופן: Wilna, eine fergessene Kunststätte. עס זיינען אַרויס אויך פיל ווערק פון קינסטלעריש-עטנאָגראַפישן כאַראַקטער, ווי אַ בוך וועגן ליטווישע פאָלקס-שאַפונגען א. אַנד. אויך ספּעציעלע רעפּראָדוקציעס פון פיל געמעלן פון די ווילנער מאָלערישע ווינקעלעך, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן פון דער נאַטור דורך די קינסטלער-סאָלדאַטן, זיינען נאָך פאַרבליבן עד-היום אין די בוכהאַנדלונגען און זיינען זייער אין גאַנג.

פאַר דער צייט פון דער אָקופּאַציע האָט זיך ביסלעכווייז אַנטוויקלט די טעטיקייט פון דער יידישער היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט, וועלכע האָט איר מוזיי. אויסער די עטנאָגראַפישע און היסטאָרישע דאָקומענטן, וועלכע האָבן זיך פאַרגרעסערט אַדאַנק דער טעטיקייט פון דעם פאַרשטאָרבענעם ש. אַנסקי, געפינען זיך אייניקע קונסטווערק, דערהויפּט אין סקולפּטור, ווי זייער אינטערעסאַנטע קינדער-קעפּ פון אַ ר אָ נ ס אָ ן, אַ שיינע אַלטע פּרוי פון דעם זעלבן, דער פּרץ-ביוסט, וועלכער איז געמאַכט געוואָרן צו דעם ערשטן יאָרצייט פון פאַרשטאָרבענעם דיכטער און דער ביוסט פון ש. אַנסקי, וועלכער האָט אַזוי פיל אויפגעטאָן פאַרן מוזיי. אין קינסטלערישן זין איז נאָך דער דאָזיקער מוזיי אָרים, אָבער ער וועט געוויס דינען אַלס "קעמערל" אַרום וועלכן עס וועט זיך מיט דער צייט שאַפן עפּעס גרעסערס.

---

### .III

מיטן אַריינגאַנג פון דער ראַטנמאַכט אין יאַנואַר 1919 האָט זיך מיט אַמאָל אָנגעהויבן אַ אינטענסיווע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט פון אַלע היגע קינסטלערישע קרעפטן פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן. אַלע קינסטלער, וואָס האָבן זיך געפונען אויף אַן אָרט מיט אייניקע געקומענע פון רוסלאַנד און ליטע, האָבן געבילדעט, אַזוי ווי די צייט האָט עס געפאָדערט, אַ צווייג פון קינסטלער-פּלאַסטיקער (מאָלעריי, סקולפּטור, אַרכיטעקטור) ביים "פּראָדוקציאָנעלן פאַראיין פון אַרבעטער פון קונסט".

די דאָזיקע פּלאַסטיקער-קינסטלער, וועלכע האָבן זיך אָנגעקליבן אין אַ צאָל פון אַן ערך 40, פלעגן זיך די ערשטע צייט

צונויפקלייבן ביי ליטווישן קינסטלער װ אַ ר נ אַ ס, וואו מ׳האָט אויסגעאַרבעט אַ געניעם פלאַן, ווי אַזוי צו פונאַנדערטיילן זיך מיט דער אַרבעט, און מאַטעריעל אַלעמען, יעדערן נאָך זיין פאַך און מעגלעכקייטן, באַזאָרגן מיט די רעגירונגלעכע און געזעלשאַפטלעכע באַשטעלונגען, וועלכע האָבן גענומען אָנקומען אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס. אַלע קינסטלער האָבן מיט אַמאָל גענומען שאַפן, אַרבעטן, אילוסטרירן זשורנאַלן און אַלץ האָט זיך באַצאָלט אין דער ברייטער מאָס, פאַר יענער צייט.

די „היים״ פון די קינסטלער האָט זיך געפונען אין אָגינסקי־פאַלאַץ און מ׳פלעגט זיך נאָך יעדן אַרבעטסטאָג צונויפקלייבן. ווען עס האָט זיך דערנעענטערט דער מאַי־יום־טוב, זיינען אַלע קינסטלער געוואָרן דורך דער מאַכט מאָבּיליזירט אויסצואַרבעטן אַ געניעם פלאַן פון באַפוצן און דעקאָרירן די שטאָט. עס איז אויף דעם אַסיגנירט געוואָרן 2 מיליאָן רובל—זייער אַ גרויסע סומע פאַר יענער צייט. יעדער פון די קינסטלער האָט גענומען אַן אַנדער אויפגאַבע אויסצופירן—נאָר עס איז ניט דערגאַנגען דערצו. אין אַפּריל זיינען אַריין די פּאָליאַקן, און די אָרגאַניזאַציע פון די קינסטלער איז פון זיך אַליין צעפאַלן.

עס האָט זיך ווייטער אָנגעהויבן אַ שטילשטאַנד אין קינסטלערישן לעבן פון ווילנע. די איינציקע קונסט־דעמאָנסטראַציע, וואָס איז פאָרגעקומען פון יענער צייט איז געווען די אויסשטעלונג, אַראַנזשירט פון דער יידישער „קולטור־ליגע פאַר ליטע און ווייסרוסלאַנד״, פון די ווערק פון דעם איין קינסטלער—בּ נ צ י ו ן צ ו ק ע ר מ אַ ן.

ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס לעת־עתּה געפינען זיך אין ווילנע אַ היבשע צאָל קריסטלעכע און יידישע קינסטלער, איז נאָך צוליב דער אומבאַשטימטער פּאָליטישער לאַגע, קיין זאַך ניט געטאָן געוואָרן צו שאַפן אַ קינסטלערישע משפּחה מיט אַן אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע אויפצוהייבן די קונסט אין ווילנע אויף דער געהעריקער הייך.

די אָפּזונדערונג פון די נאַציאָנאַליטעטן איז אַ גרויסער שטער צו דעם. די איינציקע קונסט־אינסטיטוציע, וואָס ברענגט געוויסע נוצן, איז די ניט גאַנץ לאַנג צוריק געגרינדעטע צייכנשול אויף דעם אָרט פון דער מאָנטוויל־שול, איינגעאָרדנט דורך דעם פּוילישן פאַראיין פון קינסטלער־פּלאַסטיקער און אויסגעהאַלטן מאַטעריעל דורך דער רעגירונג. די דאָזיקע שול איז, להיפּוך פון דעם אַזוי גערופענעם קונסט־פאַקולטעט ביים פּוילישן אוניווערסיטעט, וועלכער ווייזט ניט קיין סימנים פון לעבן, גראָד אַוועקגעשטעלט ניט שלעכט און ווערט אָנגעפירט דורך פעאיקע און טעטיקע יונגע כּוחות.

די גרעסטע צאָל תּלמידים אין דער דאָזיקער שול זיינען יידן, וועלכע האָבן זיך זייער אויסגעצייכנט אויף דער לעצטער עקזאַמען־אויסשטעלונג, וואָס דאָס איז פאַרנאָטירט געוואָרן אַפילו אין דער פּוילישער פּרעסע.

פון די יידישע קינסטלער, וועלכע געפינען זיך איצט אין ווילנע, צייכנט זיך אויס דער יונגער קינסטלער י ע ק ב ש ע ר, וועלכער האָט זיך זייער פאַראינטערעסירט מיטן אַלטן יידישן געטאָ און גייט אין די טריט פון דאָבּוזשינסקי, שאַפנדיק אַלץ נייע און נאָך פון אַנדערע ניט באַמערקטע „ערטער״. מיר דאַרפן האָפן, אַז מיט דער צייט וועט דער עולם האָבן די געלעגנהייט דורך די אויסשטעלונגען וואָס וועלן אין דער צוקונפט אַראַנזשירט ווערן, זיך באַקענען מיט אַלעם דעם, וואָס די ווילנער יידישע קינסטלער גרייטן אויף דעם געביט צו שאַפן אַ ריכטיקע אָפּשפּיגלונג אין פאַרב און בילד פון אונזער אַלטער און שיינער שטאָט.



י. ברוידעס. — ח. לונסקי.

# באַקאַנטמאַכונגען, פאַראָרדענונגען, דעקרעטן און באַפעלן.

אין „ווילנער זאַמלבוך" באַנד II, האָט משה שאַליט פאַרעפנטלעכט אַן אַרבעט וועגן די באַקאַנטמאַכונגען פאַר דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, ביזן סוף יאָר 1917, ד"ה ביז דעם טאָג, ווען דאָס „ווילנער זאַמלבוך" איז אַריין אין דרוק. אָבער ניט קוקנדיק אויף דער געוויסנהאַפטיקייט פון דער דאָזיקער אַרבעט, האָט משה שאַליט דורכגעלאָזט אַ סך וויכטיקע באַקאַנטמאַכונגען, וועלכע וועלן פאַרן צוקינפטיקן היסטאָריקער האָבן אַ געוויסע באַדייטונג. דאָס האָט אונז באַוואויגן צו געבן אין אַ כראָנאָלאָגישן סדר אַן איבערזיכט, ערשטנס איבער די־יעניקע באַקאַנטמאַכונגען, וואָס ווערן ניט דערמאָנט אין שאַליטס אַרטיקל, און צווייטנס איבער אַלע, אָן אויסנאַם, פאַראָרדענונגען, באַקאַנטמאַכונגען און דעקרעטן פאַר די יאָרן 1918 — 1921, וועלכע זיינען נאָך לחלוטין פון קיינעם ניט געזאַמלט געוואָרן און אין ערגעץ ניט באַהאַנדלט געוואָרן.

פון די באַקאַנטמאַכונגען פאַרן יאָר 1915 האָט משה שאַליט דורכגעלאָזן פאָלגנדיקע:

דעם 21/9 איז דורך אַ באַקאַנטמאַכונג באַשטימט געוואָרן אין ווילנע דער ערשטער דייטשער גובערנאַטאָר, גענעראַל וועגענער.

דעם 26/9 איז אַרויס אַ באַפעל פון גענעראַל וועגענער, וועלכער אַנטהאַלט 11 כּללים, ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט מתים. דער דאָזיקער באַפעל האָט זייער שמערצלעך אָנגערירט די יידישע רעליגיעזע געפילן, ווייל לויט די כּללים איז געוואָרן שטרענג פאַרבאָטן צו מטהר זיין דעם מת. דערצו נאָך איז לויטן נייעם באַפעל איינגעפירט געוואָרן אַ נייס, אַז אויך יידן מוזן מקבר זיין זייערע מתים אין ארונות. דער דאָזיקער מנהג איז פאַרבליבן ביז אויפן היינטיקן טאָג. דריטנס איז צוליב דיזעלבע סאַניטאַרע טעמים אויך פאַרבאָטן געוואָרן צו באַגלייטן די מתים אויפן בית־עולם.

דעם 2/10 איז אַרויס אַ באַפעל וועגן אָפּגעבן אַלע טעלעפאָנישע אַפּאַראַטן און פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר, אויסער דעם אייגנטימער פון טעלעפאָנישן אַפּאַראַט, ווערן אויך געמאַכט דער בעל־הבית פון הויז און דער הויזפאַרוואַלטער.

דעם 4/10 איז אַרויס אַ באַפעל, וועלכער פאַרבאָט: 1) צו קויפן וואָס ניט איז ביי די דייטשע סאָלדאַטן, 2) צו פאָטאָגראַפירן אויף די גאַסן און פּלעצער, 3) די, וואָס ווילן אַריינפירן לעבנסמיטלען, מוזן זיך מעלדן צום דייטשן אייבערבירגערמייסטער, וועלכער וועט נאָך אַ חקירה־ודרישה אַרויסגעבן שיינען פאַר די פורן און סחורה, וואָס זיי פירן; אויך ווערט צוגעזאָגט, אַז ווי ווייט מעגלעך, וועט די מאַכט געבן מיליטערישע באַגלייטונג; 4) אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע אַרטיקלען אין די קראָמען מוזן זיין באַצייכנט מיט פרייזן פון דייטשע מאַרקן און אין רובלס, דאָס איז אויך חל אויף פאַבריקמאַכערייען, וועשערייען און ש.סטער־וואַרשטאַטן.

דעם 7/10 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די ערשטע טאַקסע, וועלכע פיקסירט פעסטע פרייזן אויף מילך, פוטער, אייער און קאַרטאָפל.

דעם 13/10 איז אַרויס אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז קוילענען בהמות איז ערלויבט נאָר אין שעכט־הויז, אַריינפירן בשר־חוץ איז שטרענג פאַרבאָטן.

די זעלבע באַקאַנטמאַכונג מעלדעט, אַז אַלע רויע פעלן ווערן אָפּגעקויפט אויסשליסלעך דורך דער מיליטער־פאַרוואַלטונג; אַלס איינציקער איינקויפער פאַר דער מיליטער־פאַרוואַלטונג איז נאָמינירט געוואָרן דער ייד דאַנישעווסקי; צוזאַמען דערמיט ווערט באַפוילן, אַז אַלע זאַפּאַסן פעל און לעדער מוזן פאַררעגיסטרירט ווערן.

דעם 13/10 איז אַרויס אַ באַקאַנטמאַכונג אין עלף פונקטן וועגן צושטעלן אין זאַמלשטעלע אַלערליי מאַטעריאַלן, ווי סאָרטירטע מעש, בליי, בראָנז, צינק, פושקעס, אַייזן, מעטאַלן, שטיקער פון געווער, בינאָקלען, טעלעסקאָפּן. דערביי ווערט אָנגעוויזן דער פּרייז, וואָס מען וועט צאָלן דערפאַר; פאַר עובר זיין וועט מען שטרענג באַשטראָפט ווערן.

דעם 16/10 איז אַרויס 1) אַ פאַרבאָט צו פאָטאָגראַפירן אין מלחמה־ראַיאָן אָדער עטאַפּן־ראַיאָן, די פאַראָרדענונג אַנטהאַלט צען פונקטן, 2) אַ פאַרבאָט צו פירן וועלכע ניט איז געשפרעכן איבער מיליטערישע ענינים מיט מיליטער־פּערזאָנען.

דעם 18/10 איז אַרויס אַ באַקאַנטמאַכונג, וועלכע זאָגט: היות ווי די ווילנער באַפעלקערונג גיט ניט אָפּ דעם געהעריקן כּבוד די דייטשע מיליטער־פּערזאָנען, ווערט באַפוילן, אַז ביים באַגעגענען זיך מיט אַ דייטשן מיליטער־מאַן מוזן די ציווילע פּערזאָנען אָפּטרעטן אים דעם וועג. שטיין אויף די טראָטואַרן איז שטרענג פאַרבאָטן. פאַר טאָן כּנגד 1000 מאַרק שטראָף אָדער 6 חדשים טורמע.

דעם 19/10 איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג אין פערצן פונקטן פון הינדענבורגן וועגן איינפירן אַ בראַנפן־מאָנאָפּאָל. דער אַליינפאַרקויף איז איבערגעגעבן געוואָרן דער ווירטשאַפטס־אָפּטיילונג פון דער אייבערקאָמאַנדע פון דער מזרח־אַרמיי.

דעם 21/10 איז אַרויס אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן איינצאָלן די שטאָטישע שטייערן;

דעם 22/10 — וועגן איינמעלדן די געשעפטן פון לעבנסמיטלען, דערביי ווערט געמאָלדן, אַז נייע געשעפטן מוזן אַרויסבאַקומען אַ ערלויבעניש דערויף; דעם 24/10 — אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז אַלע קאָלדרעס, וואָס ווערן ניט באַנוצט, מוזן אָפּגעגעבן אין דער זאַמלשטעלע.

דעם 27/10 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ פאַרבאָט צו לערנען אין די שולן רוסיש.

דעם 30/10 אַ מעלדונג פון שטאָט־גאָלאָוואַ ווענסלאַווסקי, אַז די בירגער־מיליציע ווערט פאַרביטן מיט אַ שטאָטישע מיליציע.

דעם 1/11 איז אַרויס אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן דער ציילונג פון דער גאַנצער שטאָטישער באַפעלקערונג.

דעם 6/11 איז אַרויס אַ פאַרבאָט צו פאַרקויפן אומבאַוועגלעכע גיטער און אַ צווייטער דעקרעט, וועלכער ערלויבט צו טראָגן דעם צייכן פון רויטן קרייץ נאָר די פערזאָנען, וועלכע האָבן דערצו אַ שייכות.

דעם 11/11 איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג צו טויטן אַלע הינט, וועלכע גייען אָן מוילקערב; אויך ווערט געמאָלדן, אַז פאַר צושטעלן אַ הונט באַקומט מען 50 קאָפּ.

דעם 12/11 ווערט די באַפעלקערונג אויפגעפאָדערט צונויפקלייבן חזרשע ניס, ווילדע קאַשטאַנעס און ניס פון בוקבוימער.

דעם 15/11 — אַ פאַראָרדענונג וועלכע רעגולירט דעם ביינאַכטיקן פאַרקער פאַר פריוואַטע פערזאָנען.

דעם 16/11 אַ באַקאַנטמאַכונג דאָס פאַר פאַרשפרייטן פאַלשע ידיעות פון מלחמה-פלאַץ אָדער פאַר מאַכן דייטשפיינדלעכע דעמאָנסטראַציעס וועט מען שטרענג באַשטראָפט ווערן.

דעם 23/11 — אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטראַציע פון אַלע פעלדשאַרעס.

דעם 27/11 אויפן גרונד פון דער פאַראָרדענונג פון גען. הינדענבורג פון 21/5 ווערט אַיינגעפירט: 1) דער גרעגאָריאַנישער לוח (נייער סטיל); 2) דער מיטל-אייראָפּעאישער זייגער; דער רוסישער פאַרבאָט צו האַנדלען אום די חגאות ווערט בטל. דעם אייגענעם טאָג — אַ פאַראָרדענונג וועגן אויסגעלאָסענע פרויען, וועלכע פירן אַ געשלעכטלעכן פאַרקער מיט ציווילע אָדער מיליטערישע פערזאָנען; אַ פאַראָרדענונג וועגן אָפּשאַפן דעם רוסישן פאַרבאָט אויסצוצאָלן אָדער איבערצושיקן געלט, גאָלד, פּלאַטין, זילבער און איידלשטיינער צו פאַרשיידענע אַנשטאַלטן און געזעלשאַפטן פון דייטשלאַנד אָדער עסטרייך-אונגאַרן, אַ פאַראָרדענונג וועגן אַ פאַרבאָט אַרויסצופירן פון די געוועזענע רוסישע געביטן פאַרשיידענע סחורות. אינטערעסאַנט איז דערביי, אַז אויסגענומען פון דעם דאָזיקן פאַרבאָט זיינען געוואָרן עופות, מילך, אייער, פוטער, פיש, פלייש, וואורשט, שינקען, פעטס, געמיזע, טיי, צוקער, צוקערוואַרג, זאַלץ און נאַפט, ד"ה גראָד די אַרטיקלען, אין וועלכע די באַפעלקערונג אַליין האָט זיך זייער שטאַרק געניייטיקט; אַ פאַראָרדענונג וועגן אַ פאַרבאָט צו צאָלן אָדער איבערשיקן דירעקט אָדער אומדירעקט געלט אָדער טשעקן אין די פיינדלעכע לענדער; אַ פאַרבאָט פון אַלע פּאָליטישע עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, אַלע אַנדערע פאַרזאַמלונגען מוזן מיט 5 טעג פריער געמאָלדן ווערן און עס מוז דערביי ביזיין אַ באַאַמטער, וועלכער האָט דאָס רעכט צו שליסן די פאַרזאַמלונג. דער זעלבער פאַרבאָט איז אויך חל אויף אַלע פּאָליטישע פאַראיינען, אַלע איבעריקע דאַרפן זיך מעלדן און אַרויסבאַקומען אַ ערלויבעניש.

דעם 29/11 איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג וועגן סטרעזשער און אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן עפענען שולן און רעגיסטראַציע פון די לערער.

דעם 9/12 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן באַקן ווייסברויט. צוזאַמען דערמיט ווערט אויך פעסטגעשטעלט, וויפיל יעטווידער איינוואוינער האָט דאָס רעכט צו פאַרברויכן טעגלעך מעל און קאַרטאָפל, דהיינו: 12 לויט מעל און 1 פונט מיט 7 לויט קאַרטאָפל.

דעם 11/12 איז אַרויס אַ פאַרבאָט אויסצואַרבעטן פאַפּיראָסן, טאַבאַק און הילזן.

דעם 12/12 אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן אַ פאַרבאָט צו שיקן בריוו, דרוקזאַכן און צייטונגען פון איין אָרט אין אַ צווייטן.

דעם 19/12 — אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטראַציע פון פאַפּיראָסן, טאַבאַק און הילזן.

דעם 23/12 — אַ פאַראָרדענונג וועגן אויסקויפן האַנדלס-שיינען. אויך איז דעמזעלבן 23/12 פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ באַפעל וועגן פאַרמאַכן בעקערייען כּדי באַקן שלעכט ברויט.

דעם 27/12 — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן בייטן ביי דער רעגירונגס-זאַמלשטעלע אין פאָדבראָדז (אייניקע סטאַנציעס לעבן ווילנע) לעבנסמיטלען אויף צוקער.

דעם 29/12 איז אַרויס אַ פאַרבאָט צו גיין ביינאַכט איבער דער וויליע.

---

אין די באַקאַנטמאַכונגען פאַרן יאָר 1916 זיינען אין דעם אַרטיקל פון משה שאַליט דורכגעלאָזן געוואָרן פאָלגנדיקע:

דעם 3/1 — אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז די פאַראָרדענונג פון 11/9 1915 יאָר וועגן רובל-קורס איז חל נאָר אויף פאַפּיר-געלט. אָבער גאָלדענע מטבעות קענען אָנגענומען ווערן ווי פאַר דער מלחמה צום קורס פון 216 מאַרק.

דעם 6/1 — אַ פאַראָרדענונג פון הינדענבורג וועגן אָפּצאָל פון הינט.

דעם 7/1 — אַ אויפפאָדערונג צו די איינוואוינער פון סוביטשער גאַס, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעקליבן אין שטאָט, קומען אין דער דעזינפעקציאָנסקאַמער.

דעם 7/1 — אַ פאַרבאָט צו האַקן און געברויכן אייז פון וויליע פאַזע דעם גאַנצן אַנטאָקאָלער ברעג.

דעם 8/1 — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן דער רעגיסטראַציע פון מעדיצינישן און מיטל-מעדיצינישן פערסאָנאַל פוןביידע געשלעכטער.

דעם 12/1 — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן רעגיסטרירן די מלחמה-אַנטרונענע, וואָס געפינען זיך אין ווילנע, כּדי אָפּגעשיקט צו ווערן אין די היימערטער.

דעם 16/1 — אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז כּדי צו פאַרבייטן די רעקווירירטע קופערנע כּלים, קען מען אין די צוויי (יידישע) פירמעס פון טאַבריס און מייטעס באַקומען צו קויפן עמאַלירט געשיר.

דעם 16/1 — אַ פאַראָרדענונג, אַז איינקויפן בהמות איז ערלויבט נאָר מיט אַ מעלדבוך; דאָס בוך קאָסט 16 טויזנט מאַרק; אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז די גערעטעניש פון 1915 יאָר איז סעקוועסטרירט; אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז אַלע שפּייז-געשעפטן מוזן געהאַלטן ווערן ריין.

דעם 17/1 — אַ פאַראָרדענונג וועגן גרונד-און האַנדלס-שטייערן.

דעם 17/1 — אַ פאַראָרדענונג פון הינדענבורג וועגן רעגיסטראַציע פון די רוסישע מיליטער-צוגעהעריקע, וועלכע גייען ציוויל געקליידט. די פאַראָרדענונג אַנטהאַלט עלף פּונקטן, לויט וועלכע פאַר באַהאַלטן אַ רוסישן מיליטער-צוגעהעריקן קומט ניט ווייניקער ווי דריי יאָר טורמע. אונטער אַ שטראָף פון צען יאָר טורמע ווערט יעדער איינוואוינער פאַרפליכט אָנצווייזן דער מאַכט, אויב ער ווייס נאָר פון אַזעלכע פערזאָנען. פאַר קומען אין באַרירונג מיט קריגסגעפאַנגענע מונדלעך אָדער שריפטלעך ווערט מען האַרב באַשטראָפט מיט טורמע.

18/1 — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן איינפירן דעם פאַפּיראָסן-מאָנאָפּאָל. פאַר עובר זיין אויפן מאָנאָפּאָל-געזעץ ווערט מען באַשטראָפט ביז 50 טויזנט מאַרק.

18/1 — אַ באַקאַנטמאַכונג, וועלכע ערקלערט דייטלעכער דעם פאַרבאָט פון 29/12 1915 וועגן אַריבערגיין איבער די פאַרפראָרענע טייכן.

דעם 25/1 — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן מאַקסימאַלע פרייזן אויף צוקער.

דעם 29/1 אַ פאַרבאָט אַריבערצוגיין די באַן=פאַרצאַמונגען אָן אַ ערלויבעניש. פאַר טאָן כּנגד 100 מאַרק שטראָף אָדער טורמע.

דעם 31/1 — אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטראַציע פון שרייבביוראָען.

דעם 3/2 — אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז מען מוז האָבן אַ ערלויבעניש פון שעף פון דער פאַרוואַלטונג צו עפענען אָדער צו פירן ווייטער יעדן מין ערציאונגס=אַנשטאַלטן, פאָלקס=אוניווערסיטעטן, וויסנשאַפטלעכע פאַראיינען און פאַך=טעכנישע רעפעראַטן. פאַר טאָן כּנגד ווערט די אַנשטאַלט פאַרמאַכט און 1000 מאַרק שטראָף.

דעם 7/2 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ באַפעל פון הינדענבורגן פון 5/12 1915 וועגן דער פרעסע און דרוקזאַכן, וועלכער אַנטהאַלט פינף פאַראַגראַפן: ערשטנס, אויף אַרויסגעבן אַ צייטונג מוז מען האָבן אַ ערלויבעניש. צווייטנס, ווערט אַיינגעפירט אַ מיליטערישע אָדער פּאָליטישע פאָרצענזור. דריטנס, מוו די אָרטיקע קראָניק איבערגעגעבן ווערן מונדלעך פאָראויס דעם צענזאָר; אויף צו פאַרקויפן ניט קיין שטאָטישע צייטונגען מוז מען האָבן אַ ערלויבעניש, וועלכע ווערט געגעבן נאָר פאַר באַשטימטע צייטונגען. די צענזור איז אויך חל אויף ביכער און קאָרטן. אַריינפירן ביכער פון דייטשלאַנד און עסטרייך אין דער דייטשער שפּראַך מעג מען נאָר די, וועלכע זיינען צענזורירט אין דייטשלאַנד; ביכער אין אַנדערע שפּראַכן אָדער אפילו אין דייטש, אָבער וועלכע זיינען געדרוקט אין אַנדערע לענדער, קען מען נאָר באַציען דורך דער פאַרמיטלונג פון דער מאַכט. די השגחה אויף דעם בוכהאַנדל איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דער פּאָליציי=מאַכט. פאַר טאָן כּנגד ווערט מען באַשטראָפט אָדער ביז 3 חדשים טורמע אָדער מיט 20,000 מאַרק שטראָף. די שטראָף לייגט אַרויף דער מיליטער=געריכט.

דעם 12/2 — אַ באַקאַנטמאַכונג פון הינדענבורגן, וועלכע דערגאַנצט די פאַראָרדענונג פון 28/6 1915 יאָר וועגן פאַראיינען, דהיינו: אַז אַלע פאַראיינען, אויך ניט קיין פּאָליטישע, זיינען זיך מחויב צו רעגיסטרירן ביי דער מאַכט, וועלכע האָט דאָס רעכט זי צו שליסן. פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער רעגיסטראַציע זיינען אַלע מיטגלידער און ראש=כּל דער פּרעזידיום. נייע פאַראיינען מוזן אָנגעבן אַ בקשה אויף אַ ערלויבעניש, וועלכע קען אויך אַנטזאָגט ווערן.

דעם 16/2 — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן מאַקסימאַלע פּרייזן פון ברענהאָלץ.

דעם 24/2 — אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז די אַלע, וועלכע באַזיצן רעקוויזיציאָנסשיינען מוזן עס ברענגען צום אייבערבירגערמייסטער ביזן 1/4; נאָך דעם טערמין ווערן אַלע ניט געבראַכטע רעקוויזיציאָנסשיינען מער ניט אָנגענומען און קיין געלט וועט מען פאַר זיי ניט אַרויסצאָלן. האַנדלען מיט שיינען איז קעגן אַ האַרבער שטראָף שטרענג פאַרבאָטן.

דעם 24/2 — אַ באַקאַנטמאַכונג, וועלכע פאַרבאָט קינדער אונטער 14 יאָר צו פירן אַ גאַסנהאַנדל. די איבעריקע גאַסנהענדלער מוזן דערויף האָבן אַ הויזירשיין; אויך ווערט שטרענג פאַרבאָטן צו בעטלען אויף די גאַסן און אין די הייזער. אַלע בעטלער ווערן אַרעסטירט.

דעם 29/2 — אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז די צייט פון רעגיסטרירן זיך פאַר די, וואָס האָבן אַמאָל געהערט צו דעם רוסישן מיליטער, איז פאַרלענגערט.

דעם 29/2 — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן מאַקסימאַלע פּרייזן פאַר ביר און גומענע קאַלאָשן.

דעם 1/3 — אַ פאַראָרדענונג, וואָס פאַרבאָט האַנדלען מיט וואַלוטעס. פאַר טאָן כּנגד—ביז 30 טויזנט מאַרק שטראָף אָדער 3 יאָר טורמע.





דעם 1/3 — אַ פאַראָרדענונג, וועלכע פאַרבאָט צו האַנדלען און אַרויספירן כּל המינים גאָלד און ברוך.

דעם 7/3 — אַ באַפעל, וועלכער פאַרבאָט צו פאַרדינגען קוואַרטירן אָדער געבן נאַכטלעגער דייטשע מיליטער=פּערזאָנען, סיידן זיי האָבן דערויף שיינען. אַלנפאַלס, טאָרן קיין ציווילע פּערזאָנען ניט וואוינען צוזאַמען מיט מיליטער=לייט אין איין צימער. פאַר טאָן כּנגד ווערט מען באַשטראָפט מיט געלט אָדער מיט טורמע.

דעם 7/3 — אַ באַפעל, אַז די ווילנער ביר=ברויזן מעגן פאַרקויפן ביר נאָר מיליטערישע אַנשטאַלטן און נאָר 12 פּריוואַטע בירהאַלעס. אָבער אויך די 12 פּריוואַטע בירהאַלעס מעגן פאַרקויפן דאָס ביר נאָר מיליטער=לייט.

דעם 15/3 — אַ פאַראָרדענונג וועגן אַיינפירן אַ געריכט מיט אַלע תקנות און געזעצן דערצו.

דעם 5/4 — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן דער פלאַקס=אַיינזאַמלונג. 1) וועגן ניט פעלשן די קוואַליטעט, און 2) וועגן די מאַקסימאַלע פּרייזן, וואָס די מאַכט צאָלט דערפאַר.

דעם 14/4 — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן סעקוועסטער פון תבואה.

דעם 15/4 — אַ פאַראָרדענונג, אַז די בינשטאָקן, וואָס זייערע בעלי=בתּים זיינען אַרויסגעפאָרן, ווערן איבערגעגעבן אין רשות פון די שכנים, וועלכע זיינען מחויב אויף זיי אַכטונג צו געבן און אין אָרדענונג צו האַלטן.

דעם 17/4 — אַ פאַראָרדענונג, וואָס ערלויבט אייניקע שטעט, בתוכם אויך ווילנע, צו מאַכן הלוואות געזיכערטע דורך די שטאָטישע גיטער און שטייערן.

דעם 18/4 אַ באַקאַנטמאַכונג, וועלכע איז מחייב די בעלי=בתּים און אַיינוואוינער האַלטן ריין די הויפן און די וואוינונגען, פאַר ניט ערפילן די תקנות פון ריינקייט, ווערט מען באַשטראָפט מיט 3000 מאַרק קנס אָדער מיט אַ יאָר טורמע.

דעם 29/4 אַ פאַרבאָט פון יעטווידער פּאָסט=פאַרקער צווישן מיליטער און ציווילע פּערזאָנען.

דעם 12/5 אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן מאַקסימאַלע פּרייזן פון אַלערליי קאָלאָניאַלע און באַקאַליי=סחורות.

דעם 20/6 אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן יעטן אַלע מיסטגראָזן פון די פעלדער ביז דעם ערשטן יולי, אַניט וועלן אָנגעווענדט ווערן צוואַנגסמיטלען.

דעם 27/6 אַ באַפעל פון לודענדאָרפן, וועגן פירן אין אָרדענונג די מעטריקאַלע ביכער. פאַר טאָן כּנגד 300 מאַרק שטראָף, אָדער 3 מאָנאַטן טורמע.

דעם 29/7 אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן נייע מאַקסימאַלע פּרייזן פאַר קאָלאָניאַלע און באַקאַליי=סחורות.

דעם 2/8 אַ פאַראָרדענונג פון אייבערקוואַרטירמייסטער אייזענהאַרט, אַז פּראָטעסטירן וועקסלען קען מען נאָר דורך פרידנסריכטער אָדער דורכן געריכטסשרייבער.

דעם 23/8 אַ באַפעל, וועלכער פאַרבאָט פּריוואַט אַיינצוקויפן און צו פאַרקויפן געננז: דער אַיינקויף און אַרויספיר געהערט נאָר דעם „ווירטשאַפטס=אויסשוס", די אַיינקויפער האָבן דערויף אַ ספּעציעלע ערלויבעניש. פאַר טאָן כּנגד 6 חדשים טורמע אָדער 6000 מאַרק שטראָף.

דעם 10/9 — אַ באַפעל פון עטאַפּן=אינספּעקטאָר מאָדלונג, אַז די גמינעס זיינען ערוב פאַר די ווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, היי=סטויגן און תבואה=קופּעס און אָנגעפילטע שייערן. פאַר אונטערצינדן ווערט די גמינע באַשטראָפט מיט גרויסע געלט=סומען. די קנס=געלטן וועט מען אַיינמאָנען דורך סעקוועסטער פון אייגנטום פון די גמינע=מיטגלידער און דורך אַרעסטירן די גמינעפירער און גמינע=מיטגלידער. דעם פאַרברעכער קומט טויטשטראָף.

דעם 1/12 — אַ באַקאַנטמאַכונג, וועלכע פאָדערט אויף אַלע

הענדלער און פאַבריצירער פון אַלע פרישע און געטריקנטע אויבסן, באַזונדערס אַלע לעבנסמיטל-געשעפטן און די בעלי-בתּים פון סעדער אָנצומעלדן זייערע זאַפּאַסן. פאַר ניט ריכטיקע ידיעות וועט מען באַשטראָפן.

דעם 20/12 אַ פאַראָרדענונג פון פרינץ לעאָפּאָלד פון בייערן, וועלכע פאַרבאָט צו פאַבריצירן זייף, וואַשפּולווער אָדער אַנדערע וואַש-מיטלען, וואָס האָבן אין זיך פעטס, אפילו צום אייגענעם געברויך;

עס איז פאַרבאָטן צו באַנוצן זייף צום רייניקן צימערן אָדער כלים, שמיר-זייף מעג מען באַנוצן נאָר צום רייניקן דעם קערפּער. וועש און קליידער מעג מען וואַשן נאָר מיט זייף-פּולווער, בלויז פאַר דאָקטוירים און שפּיטעלער קענען די פאַרוואַלטונגס-שעפן מאַכן אַ אויסנאַם. עס איז פאַרבאָטן צו פאַרקויפן זייף אין יעדער פאָרם פאַר מיליטער-צוגעהעריקע. אַלע מאַטעריאַלן, פון וועלכע מען מאַכט זייף, ווי אויך פאַרטיקע זייף, מוזן אָנגעמאָלדן ווערן. פאַר טאָן כנגד—ביז 5 יאָר טורמע און 20,000 מ׳ שטראָף; די אַלע פּראָדוקטן, וואָס זיינען געמאַכט קעגן דעם פאַרבאָט, ווי אויך די אַלע מאַטעריאַלן מיט די איינריכטונגען, וואָס מען האָט דערצו באַנוצט, ווערן קאָנפיסקירט.

---

אין די באַקאַנטמאַכונגען, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורכן ה׳ שאַליט פאַרן 1917 יאָר זיינען דורכגעלאָזט געוואָרן פאָלגנדיקע:

דעם 3/1 אַ באַקאַנטמאַכונג פון שעף פון גענעראַלשטאַב האָפמאַן—וועגן בריוו-פאַרקער צווישן ציווילע פערזאָנען און זייערע קרובים, וועלכע זיינען באַשעפטיקט אין מיליטערישע אָדער ווירט-שאַפטלעכע אונטערנעמונגען, אָדער וועלכע אַרבעטן אין ציווילע אַרבעטער-באַטאַליאָנען, אָדער אַלס פרייע אַרבעטער אין דייטש-לאַנד; זיי האָבן רעכט צו קאָרעספּאָנדירן נאָר צו איין פּאָסט-קאַרטל אַ וואָך, אי דאָס נאָר אין דייטש, פּויליש אָדער ליטוויש, ד״ה, די יידישע שפּראַך איז געווען פאַרבאָטן. געלט קען דער אַרבעטער שיקן בלויז צוויי מאָל אַ חודש, אי דאָס נאָר קליינע סומען, די קרובים קענען שיקן דעם אַרבעטער נאָר איין מאָל אַ חודש אַ פּאַקעט.

דעם 26/4—אַ פאַראָרדענונג פון פרינץ לעאָפּאָלד פון בייערן וועגן אונטערזוכן די דאַמף-קעסלען. די אונטערזוכונג פון די קעסלען, אפילו פון די, וואָס ווערן באַנוצט פון מיליטער, מוז באַצאָלט ווערן לויט דער פעסטגעשטעלטער טאַקסע. פאַר ניט האַלטן די קעסלען אין אָרדענונג ווערט מען באַשטראָפט מיט אַרעסט אָדער געלט.

דעם 28/4 אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן אַ פאַרבאָט צו פאַרקויפן מיליטער-פערזאָנען לעבנסמיטלען, געברויכס- און באַקליידונגס-זאַכן, וועלכע ווערן צוגעשטעלט פון דער מיליטער-פאַרוואַלטונג. אויך איז דער ציווילער באַפעלקערונג פאַרבאָטן אַזעלכע זאַכן איינקויפן, פאַר טאָן כנגד שטראָף און רעקווזיציע פון די חפצים.

דעם 13/5—אַ פאַראָרדענונג וועגן אַרויסנעמען ערלויבענישן אויף צו האַלטן אַ ביוראָ פאַר בקשות און אַ טאַקסע פאַר שרייבן זיי.

דעם 31/5 אַ באַפעל וועגן פלאַנצן טאַבאַק: ווער עס פאַר-פלאַנצט מער ווי 10 וואָרצלען טאַבאַק, דאַרף ביז 31/7—איטלעכס יאָר אָנמעלדן דעם געהעריקן מיליטער-קרייזאַמט. א. ד. ג.

דעם 13/6 — אַ מערקבלאַט וועגן אַ פאַרבאָט צו באַאַרבעטן מטבעות פון דער דייטשער מלוכה.

דעם 23/6 — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן רייזע-שיינען פאַר ציווילע פערזאָנען, עלטער פאַר 10 יאָר.

דעם 4/7 — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן פּעסער.

דעם 7/7 אַ פאַראָרדענונג וועגן דער האַלטונג פון דער באַפעלקערונג לגבי אַראָפּגעפאַלענע פליינדלעכע לופטשיפן. לויטן





פונקט 1 קומט נאָר פאַר דערנעענטערן זיך צו אַזאַ לופטשיף פינף יאָר געפענגעניש און שטראָף ביז 10,000 מאַרק.

דעם 10/7 — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן דער התחייבות אָנצו-מעלדן פערד, אָקסן, קי, חזירים, שאָף, ציגן, גענז, ענטלעך און הענער.

דעם 19/7 — אַ מערקבלאַט וועגן אָפּהיטן די וועלדער און לאַנדווירטשאַפטן, דערהויפּט פון אַ שרפה.

דעם 27/7 — אַ באַקאַנטמאַכונג. וועגן אָנמעלדן קויטשוק און גומע פון ביליאַרדן.

דעם 25/8 אַ פאַראָרדענונג וועגן אַ טאַקסע-אָפּצאָל פאַר באַנוצן דאָס וואַסער פון דער שטאָטישער וואַסערלייטונג.

דעם 27/8—אַ מודעה וועגן שטעמפּל-שטייער ביים אומזאַץ מיט ווערט-פּאַפּירן.—דעם 15/12 אַ פאַרבאָט צו שיקן פּריוואַט בריוו און פּאַקעטן אויסער דער פּאָסט.—אַ מודעה ווי צו באַגיין זיך מיט קאַרטאָפל, זיי זאָלן ניט פרירן, און ווי אַזוי צו קאָכן פאַרפרוירענע קאַרטאָפל.—אַ מודעה מיט 10 געבאָטן פאַר די ליי-טער פון די קיכן, ווי צו האַלטן זיי ריין, אין אָרדנונג און ווי העפלעך צו באַגיין זיך מיט די באַזוכער.

דעם 9/1—אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז כל-זמן ס׳איז דאָ זאַפּאַס, וועט יעדער פאַמיליע אַרויסגעגעבן ווערן אויף דער ברויט-קאַרטע דריטהאַלבן קוביק-מעטער ברענהאָלץ צו 26 מאַרק, ניט געהאַקטע, מיטן צושטעלן; אַ מודעה וועגן סכום אַרויסגעלאָזטע אָסט-מאַרקן.

דעם /1 —אַ פאַראָרדענונג, וועלכע באַשטימט אַ שווערע שטראָף אפילו פאַר אַ אומבכיוונדיקער באַשעדיקונג פון די טע-לעפאָנישע דראָטן.

דעם 26/1—אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן ליציטירן פאַרלאָזענע בנינים צו פאַרקויפן זיי אויף ברענהאָלץ.

דעם 9/1 — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן שטייערן. צווישן אַנ-דערן ווערט אָנגעוויזן, אַז די שטייער-ליסטעס מיט דער הערכה פון דעם קאָפּ-שטייער, דעם געווערב-שטייער, ווי אויך דעם שטייער פאַר אומבאַוועגלעכע גיטער און אַרענדע פאַרן יאָר 1913 קען מען דורכזען, אָבער בלויז די אייגנטימער, ציינגדיק דערביי דעם פּאַס. יעדער שטייער-פליכטיקער באַקומט אַחוצדעם אַ ליסטע מיט דער הערכה און דער צייט פון צאָלונג.

דעם 9/2 — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן אָנמעלדן קלעפּיקע קראַנקהייטן אין משך פון 24 שעה, ווי, למשל, טיפוס, כאָלערע, פּאָקן, מאָזלען וכדומה. פאַר טאָן כנגד 600 מאַרק שטראָף אָדער אַ וואָך אַרעסט; אַ מודעה מיט נייע מאַקסימאַלע פּרייזן פאַר לעבנסמיטלען; אַ מודעה וועגן דער ליי-קאַסע—אָסט; אַ פאַראָר-

---

דורך אַ פאַרזען מוזן מיר, צוליב טעכנישע סיבות, אין אָט דעם אָרט רעגיסטרירן די באַקאַנטמאַכונגען, וואָס זיינען דורכגעלאָזט געוואָרן ווייטער:

דעם 28/12 1918 אַ מודעה פון סאָלדאַטנראַט פון דער X אַרמיי, אַז ער מישט זיך ניט אַריין אין די פּאָליטישע פאַרהעלטענישן, שטיצט ניט אונטער קיין שום היגע פּאַרטיי, זאָרגט קודם-כל פאַר דעם צוריקקער פון די דייטשע סאָלדאַטן בשלום אַהיים און איז גרייט מיט אַלע מיטלען צו אונטערשטיצן די עקזעקוטיווע דייטשע מאַכט, כל-זמן דייטש מיליטער געפינט זיך אין לאַנד.

דעם 24/4 1919 — באַקאַנטמאַכונג פון באָראָסעוויטש-טאָקאַרזשעוויטשט פּאָדפּאָלקאָווניק און קאָמאַנדיר, וועגן אַרויסגעבן ביז 26-סטן אַלערהאַנט געווער, וועגן ניט אַרויסגיין אין גאַס צווישן 8 אָוונט און 5 פרי, וועגן האַלטן אָפן די געשעפטן, וועגן דעם חוב צו מעלדן 24 שעה פריער פאַרזאַמלונגען א. אַז. וו.

דעם 7/5 1919 אַ מודעה פון דער שטאָט-פאַרוואַלטונג וועגן קאַרטעס אויף צו באַקומען אין די שטאָטישע קראָמען שפּייז-פּראָדוקטן.—דעם 13/5 1919 אַ דע-קרעט פון מלוכה-שעף צו אָרגאַניזירן אין ווילנע אַ אוניווערסיטעט. — דעם 24/4 1919 אַ דעקרעט וועגן באַשטימען דעם ה׳ יאַן פּילסודסקי פאַר אַ קאָמיסאַר פון ווילנער קרייז, ווי אויך אַ פּוילישן בירגערמייסטער מיט אייניגע לאַווניקעס צווישן זיי דריי יידן, די ה״ה אַדאָלף גאָרדאָן, יצחק מאַרגאָוויצקי און שאול טראָצקי.

דעם 12/7 1920—אַ מודעה פון די רבנים, אַז היות צוליב די געשעע-נישן, האָט מען ניט געדאַוונט אין די קלויזן בציבור און ניט געהערט קיין קריאת התורה, דערום זאָל מען דעם קומענדיקן שבת לייענען דריי סדרות מיט אַמאָל.

ז'ענונג, דורך וועלכע גאַסן ס'מעגן פאָרן לאַסט־פורן; אַ פאַראָר־דענונג וועגן שטעמפלען חזיר־פעטס.

אַ באַקאַנטמאַכונג פון $^{18}/_{2}$ און $^{23}/_{2}$, אַז די אַלע, וועלכע האָבן נאָך ניט קיין „אָבאָסט"־פעסער, מוזן זיי אַרויסבאַקומען. די פעסער מוזן זיין מיט אַ פאָטאָגראַפיע און אַ אָפּגעפּרעסטן פינגער, ד"ה, ניט קיין „פערסאָנאַל־אויסווייז".

דעם $^{23}/_{2}$—אַ נייע טאַקסע פאַר זאַלץ.

דעם $^{26}/_{2}$ – אַ באַקאַנטמאַכונג, וועלכע ערלויבט שיקן צו די געפאַנגענע קרובים אין דייטשלאַנד פּאָסט־פאַקעטן ביז 5 קי־לאָגראַם. די פאַקעטן, ווי אויך די פּאַקעט־קאַרטלעך טאָרן ניט האָבן קיין שריפטלעכע מיטטיילונג און ווערן אָנגענומען נאָר איין טאָג אין וואָך, מיטוואָך, און נאָר אין משך פון איין שעה: פון 10 ביז 11 אַ זייגער אינדערפרי. — אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע מיני חלב און שינקען מוזן אונטערזוכט ווערן פון אַ דאָקטאָר.—אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן ליציטאַציעס פון משכנות אין שטאָטישן לאָמבאַרד.

דעם $^{17}/_{3}$, $^{21}/_{6}$ און $^{20}/_{9}$ — אַ פאַראָרדענונג מיט תקנות וועגן קאָרעספּאָנדענץ פון מיליטער־לייט מיט דער ציווילער באַ־פעלקערונג.

דעם $^{22}/_{3}$—אַ נייע טאַקסע פאַר לעבנסמיטלען.

דעם $^{30}/_{3}$—אַ פאַראָרדענונג, אַז ביים אַריבערקלייבן זיך פון איין דירה אויף דער צווייטער מוז מען אַרויסבאַקומען אַ שיין צו באַשטעטיקן, אַז אין די וואוינונגען זיינען ניט פאָרגע־קומען קיין עפּידעמישע קראַנקהייטן.

דעם $^{1}/_{4}$ און $^{25}/_{6}$ — אַ פאַראָרדענונג, אַז אַזוי ווי אום שבת און יו"ט טאָרן יידן ניט צאָלן קיין געלט, זאָלן זיי פון 7 פרי ביז 12 בייטאָג, ד"ה, ווען מען גייט פון דאַוונען, פּטור זיין פון בריקן־שיין און פון בריקן־אָפּצאָל.

דעם $^{6}/_{4}$—אַ פאַראָרדענונג, אַז די יעניקע, וואָס וועלן ביי די רעוויזיעס ניט האָבן קיין פעסער, וועלן באַשטראָפט ווערן און זיי וועלן אָנווערן דעם זכות אויף זייער ברויט־קאַרטע.—אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן אָפּגעבן אייזן און שראָט.

דעם $^{13}/_{4}$, $^{25}/_{6}$, $^{24}/_{7}$ און $^{14}/_{10}$ — וועגן ליציטאַציעס פון די משכנות, וועלכע מען האָט גענומען אַלס משכּן פאַר די שטייערן.

דעם $^{26}/_{4}$—אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע אייגנטימער פון האָ־טעלן מוזן האָבן דערויף אַ ערלויבעניש און אַיינפירן אַ מעלדבוך.

דעם $^{9}/_{5}$—אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז די אויסוואַנדערונג קיין גרויס־רוסלאַנד איז ערלויבט און די וועלכע האָבן בדעה אַרויס־צופאָרן דאַרפן זיך מעלדן אין פאָליציי־צירקל.—אַ מודעה וועגן פאַרניכטן קראָען און באַנוצן זיי פאַר זיך אָדער צום פאַרקויף ביים שטאָט־הויפּטמאַן צום פּרייז פון 75 פעניג פאַר אַ יונגער קראָ און 30 פ׳ פאַר אַן אַלטער.

דעם $^{27}/_{5}$—אַ מעלדונג וועגן דער עפענונג פון אַ שול פאַר ערד־מעסטונג און וועגן אָננעמען אַהין שילער.—תקנות פאַר שע־רערייען און פאַריקמאַכער.

דעם $^{28}/_{5}$—אַ מעלדונג, אַז דעם $^{7}/_{6}$ וועט געשלאָסן ווערן די אַרויסגעבונג פון פעסער און, ווער ס'וועט ניט אַרויסנעמען קיין פּאַס, וועט באַשטראָפט ווערן.

דעם $^{29}/_{5}$—אַ מודעה, אַז דער אַרויספאָר קיין אוקראַינע איז ערלויבט און די, וואָס האָבן בדעה אַרויסצופאָרן אויף שטענ־דיק, דאַרפן זיך מעלדן.

דעם $^{3}/_{6}$—ווידער אַ טאַקסע פאַר לעבנסמיטלען.

דעם $^{3}/_{6}$—אַ פאַראָרדענונג וועגן אָפּגעבן גומענע רייפן פון רעדער.



דעם $^{13}/_{6}$ אַ פאַראָרדענונג וועגן אָפּגעבן די קאָרקעס פון פלאַשן פאַר אַ געוויסן געצאָלט. פאַר טאָן כנגד שטראָף.

דעם $^{20}/_{6}$ — אַ מעלדונג, אַז ביים שטאָט־הויפּטמאַן פאַרקויפט זיך פרישע קולטורן פון טיפוס פאַר ראַטן און מייז צו 250 מ׳ אַ גראַם.

דעם $^{9}/_{7}$ אַ נייע טאַקסע פאַר לעבנסמיטלען.

דעם $^{7}/_{7}$ — אַ פאַראָרדענונג וועגן סעקוועסטרירן פאַר אָבעראָסט דאָס גאַנצע גערעטעניש פון יאָר 1918, ווי קאָרן, ווייץ, גערשטן, האָבער, געמישטער קאָרן, שוויטנפרוכט, בוכוויץ, הירזש, קאַרטאָפל, קלייען, זריעה און אייל־זוימען, רויע פאַשע א. ד. ג. די אַלע געוויקסן זיינען פאַרווערט צו שניידן אָן אַ ערלויבעניש. פאַר טאָן כנגד שטראָף.

דעם $^{15}/_{7}$ און $^{23}/_{8}$—אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז אַלע צוריקוואַנ־דערער מוזן זיך מעלדן אין משך פון 3 טעג.

דעם $^{24}/_{7}$ אַ פאַראָרדענונג, אַז פיך מעג זיך פיטערן ביי דער באַן נאָר אונטער אַ השגחה.

דעם $^{6}/_{8}$ אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן אָנמעלדן אַלע ליידיקע דירות און די בנינים, וועלכע זיינען פאַרנומען דורך מיליטער־לייט.

דעם $^{18}/_{8}$ — אַ מודעה וועגן עפענען אַ שול פאַר אויסבילדן אַסיסטענטינס צו לאַבאָראַטאָריעס.

דעם $^{6}/_{9}$ —אַ נייע טאַקסע פאַר לעבנסמיטלען.

דעם $^{7}/_{9}$ — אַ פאַרבאָט צו מאַכן שטעמפלען פאַר ציווילע פערזאָנען.

דעם $^{27}/_{9}$ — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן לעצטן טערמין פאַר אַריינטראָגן די שטייערן, דערנאָך וועט מען אויפמאָנען מיט צוואַנג. אויך ווערן אויפגעפאָדערט די בעלי־בתים, וואָס האָבן זיך צו־ריקגעקערט פון רוסלאַנד, אַריינצוטראָגן זייער שטייער פאַר די נחלאות.

דעם $^{17}/_{10}$ — אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז רעקווירירטע בנינים און צימערן, וואָס די מיליטערישע שררות האָבן פאַרנומען, טאָרן עס ציווילע ניט באַנוצן, אָדער געבן אַנדערע צימערן. אויך טאָר מען ניט אָפּזאָגן אַריינצולאָזן מיליטערישע פערזאָנען, וואָס באַווייזן אַ קוואַרטירשיין פון דער קאָמענדאַנטור. פאַר טאָן כנגד ווערט מען באַשטראָפט ביז אַ יאָר טורמע אָדער מיט אַ געלט־קנס ביז 3000 מאַרק. אָדער מיטביידע זאַכן צוזאַמען.

דעם $^{30}/_{10}$ — ווערט צוליבן מאַנגל אין שטיינקוילן פאַר דער עלעקטרישער סטאַנציע געמאָלדן, אַז אַלע געשעפטן מוזן געשלאָסן ווערן 5 אַ זייגער בייטאָג און פון 2 בייטאָג ביז 12 טאָר מען אין די קראָמען ניט באַנוצן קיין עלעקטריע.

דעם $^{14}/_{11}$ ווערט די פאַראָרדענונג געענדערט אין דעם זין, אַז פון 2 ביז 5 מעג מען יאָ ניצן עלעקטריע, אָבער נאָר מיט אַ 16־נער ברענער.

דעם $^{20}/_{11}$ אַ באַקאַנטמאַכונג. אַז לויט די תנאים פון וואָפנשטילשטאַנד ווערט פאַרווערט צו מאַכן רעקוויזיציעס אויף אַרויסצופירן קיין דייטש־לאַנד, אָבער פאַר דעם חייל פון „אָבעראָסט" און כדי צו דערנערן די ציווילע באַפעלקערונג פון „אָבאָסט" איז יאָ ערלויבט צו מאַכן רעקווי־זיציעס.

דעם $^{10}/_{11}$ — אַ פאַראָרדענונג וועגן באַזאָרגן די רערן פון דער וואַסערלייטונג, אַז זיי זאָלן ניט פּלאַצן אין די ניט באַהייצטע צימערן.

דעם $^{21}/_{11}$ — אַ מודעה וועגן העכערן דעם פּרייז פאַר עלעקטריע.—אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז צו אַראַנזשירן אַ פאַרזאַמלונג, מוז מען מעלדן מיט 5 טעג פריער.

דעם $^{12}/_{12}$ די לעצטע דייטשע פאַראָרדענונג פאַר זייער

עוואַקואַציע פון ווילנע וועגן באַשיטן די גאַסן מיט זאַמד ווען עס איז גליטשיק.

דעם $^{18}/_{12}$ אַ מעלדונג פון אַרבעטער־ראַט, אַז לויטן באַשלוס פון $^{15}/_{12}$ גייט די גאַנצע מאַכט אַריבער צום אַרבעטער־ראַט און אַז דער אַרבעטער־ראַט איז די איינציקע מאַכט, וועלכן אַלע איינוואוינער מוזן זיך אונטערוואַרפן. אונטערגעשריבן פּאָרזיצער איידוקעוויטש, סעקרעטאַר שימעלעוויטש.

דעם $^{17}/_{12}$ אַ פאַראָרדענונג פון אַרבעטער־ראַט, אַז אָן אַ ערלויבעניש טאָרן די ציווילע פּערזאָנען פון ווילנע ניט אַרויספאָרן. ניט אַרויספירן קיין סחורה אָן אַ ערלויבעניש סיי פון ווילנע סיי פון דער סביבה, מען טאָר ניט העכערן די פּרייזן אויף לעבנס־מיטלען. פאַר טאָן כּנגד וועט מען קאָנפיסקירן די סחורה און מען וועט שטרענג באַשטראָפן.

דעם $^{22}/_{12}$ אַן אויפרוף פון פּוילישן קאָמיטעט צו אַלע בירגער נעמען זיך צום געווער צו פאַרהיטן די הייליקייט פון „אָסט־ראָבראָם". אַ התראה פון דייטשן סאָלדאַטנראַט, אַז יעדע פּראָבע צו מאַכן אין שטאָט אַ פּאָגראָם, וועט דערשטיקט ווערן דורך געווער (דורך דעם אויפרוף זיינען די יידן נצול געוואָרן פון אַ געוועסט צוגעגרייטן פּאָגראָם).

## יאָר 1919.

דעם $^{1}/_{1}$ — אַן אויפפאָדערונג פון פּוילישן גענעראַל מאָקשעצקי אין וועלכער עס ווערט געמאָלדן, אַז פון דעם טאָג אָן נעמט ער איבער די מיליטער־קאָמאַנדע איבער דער שטאָט ווילנע; ער לייגט דעריבער פאָר דעם אַרבעטער־ראַט, וועלכן ער פאַררעכנט אַלס אַ גלייכבאַרעכטיקטן און גלייכן טייל פון דער איבעריקער באַפעלקערונג, 1) גלייך אָפּגעבן מיטן גוטן ווילן אַלערהאַנט געווער, וואו דאָס זאָל זיך ניט געפינען; 2) אַרויסלאָזן אַן אויפרוף צו די מיטגלידער פון אַרבעטער־ראַט, זיי זאָלן זיך אויפהאַלטן רואיק און ניט מאַכן קיינע פּראָוואָקאַציעס, 3) שיקן צו אים ביז מאָרגן דעם $^{2}/_{1}$ 12 בייטאָג אַ דעלעגאַציע, וועלכע זאָל זיין באַפולמעכטיקט צו רעפּרעזענטירן דעם אַרבעטער־ראַט אום איינצושטעלן די שטאָטישע ווירטשאַפטלעכע ענינים; 4) יעטוועדער ווידערשטאַנד וועט דערשטיקט ווערן מיט געווער אָן רחמנות; 5) ווערט געמאָלדן, אַז מען האָט פאַרהאַלטן צוויי חברים פון אַרבעטער־ראַט, איינעם האָט מען באַפרייט, דעם צווייטן אָבער אַלס אַ געדונגענעם שפּיאָן האָט מען אַרעסטירט; 6) אויף דער תשובה פון די אַרבעטער־דעלעגאַטן, אַז זיי זיינען מרוצה גלייך אַרויסגעבן דאָס גאַנצע געווער, וועט מען וואַרטן ביז האַלב איינס אַ זייגער ביינאַכט. דעם זעלבן טאָג דאַרפן די צוויי דעלעגאַטן קומען צום גענעראַל אין שטאַב אויף זאַרעטשע נום. 5; אַן אָפּיצער וועט זיי ערוואַרטן פּונקט 12 אַ זייגער ביינאַכט לעבן טויער פון הויף נום. 5 אויף כערסאָנער גאַס (וואו דער אַרבעטער־ראַט האָט געהאַט זיינע זיצונגען); 7) דאָס ניט שיקן היינט קיין דעלעגאַטן וועט אויסגעטייטשט ווערן אַלס ניט לאָיאַלע באַציאונג צו דער מאַכט. 8) דאָס געלט, וואָס מען האָט אָפּגענומען ביים פאַרהאַלטענעם אַרבעטער־דעלעגאַט, ווערט אָפּגעשיקט און ס'ווערט געגעבן דערויף אַ קוויטונג. 9) ווערט געפאָדערט אַרויסצוגעבן דעם צעטל פון אַלע פּאָליטישע פאַרברעכער, וועלכע מען מוז אַרויסלאָזן פון טורמע.

דעם $^{1}/_{1}$ — אַ באַפעל פון דער פּוילישער קאָמאַנדע (וועלכע האָט געהערשט אין ווילנע דריי טעג), וועגן אַ מאָביליזאַציע פון 17 יאָר אָן; די ליטווינער וועלן אַריינגעצויגן ווערן אין די ליטווישע מיליטער־אָפּטיילונגען און די יידן און ווייסרוסן אין די, צו וועלכע זיי וועלן וועלן געהערן.

דעם $^{2}/_{1}$ — אַ באַפעל פון גענעראַל מאָקושעצקי, אַז די קאָמאַנדע איבער דער שטאָט האָט ער איבערגענומען און פאָדערט אויף די גאַנצע באַפעלקערונג אָפּגעבן אין משך פון 3 טעג אַלערהאַנט געווער אונטער דער התראה פון טויט־שטראָף.

דעם $^{2}/_{1}$ — אַ פּראָטעסט־מודעה פון ליטווישן בילדונגס־מיניסטער אין נאָמען פון דער צייטווייליקער ליטווישער רעגירונג (וועלכע איז אַרויסגעפאָרן קיין קאָוונע) ה' מיכאַל בירזשישקאַ קעגן פּוילישן גענעראַל וויטקאָ פאַרן פאַרכאַפּן ווילנע מיט דער אומגעגנט דורכן פּוילישן מיליטער דעם $^{30}/_{12}$ 1918 י', וואָס ס'ברענגט ליטע צו בירגערקריג און אַנאַרכיע.

דעם $^{3}/_{1}$ — אַ באַפעל פון גענ. מאָקושעצקי, אַז אַלע קראָמען, עפנטלעכע אַנשטאַלטן ווי טעאַטערס א. אַז. וו. מוזן געשלאָסן ווערן 6 אָוונט; 2) די באַוועגונג אויף די גאַסן פאַר דער באַפעלקערונג איז ערלויבט נאָר ביז 6 אָוונט; 3) אין פּריוואַטע וואוינונגען מעג די עלעקטריע באַנוצט ווערן ניט שפּעטער ווי ביז 10 אָוונט; 4) אַ פאַרבאָט אַרויסצופירן פון שטאָט לעבנס־מיטלען; 5) וועגן פאַרזאַמלונגען מוז מען פריער מעלדן; 6) די צענזור ווערט בטל; 7) פאָדערט אויף די באַפעלקערונג האַלטן זיך לאָיאַל צו די דייטשע סאָלדאַטן און אָפיצירן*); 8) פאַר רויבערייען און פּאָגראָמען קומט טויט־שטראָף.

דעם $^{3}/_{1}$ — אַ באַפעל, אַז אַלע טויערן און אַריינגאַנגען פון גאַס מוזן ווערן געשלאָסן 6 אָוונט, אונטער אַ שטראָף פון 1000 מאַרק, אָדער ביז 3 חדשים טורמע; 2) פאַר טרייבן געהיים בראַמפן ווערט מען איבערגעגעבן צום פעלד־געריכט אַלס פאַררעטער פון פאָטערלאַנד און מען ווערט פאַרמשפּט צום טויט.

### די ערשטע הערשאַפט פון דער ראַטנמאַכט.

דעם $^{5}/_{1}$ — אַ באַפעל פון אַרבעטער־ראַט אין טאָג פון דער לוויה פון די קרבנות פון דער רעוואָלוציע, אַז די קראָמען זאָלן זיין געשלאָסן און די אַרבעטער זאָלן ניט אַרבעטן.

### באַפעלן פון רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט.

באַפעל נומ' 1: אַלע זיינען מחויב צוצוטרעטן תּיכּף צו זייערע באַשעפטיקונגען, בלייבן אויף די ערטער אין אַלע געזעלשאַפטלעכע, שטאָטישע און אַנדערע אַנשטאַלטן; תּיכּף דאַרפן געעפנט ווערן אַלע מאַגאַזינען, קראָמען, גאָרקיכן וכדומה; עס ווערט פאַרווערט צו ספּעקולירן מיט לעבנסמיטלען; הייבן אויף זיי די מקחים, אַרויספירן זיי אָן דער ערלויבעניש פון רעוו.־קאָמיטעט; עס ווערט פאַרווערט אויסצואַרבעטן און פאַרקויפן שאַרפע משקאות; דאָס געלט פון דער סאָוועטישער רעפּובליק, די צאַרישע, דומישע, קערענקעס, קופּאָנען און מאַרקעס (פּאָסט־מאַרקעס, וועלכע זיינען אין רוסלאַנד בשעת דער מלחמה געגאַנגען אָנשטאָט קליינגעלט), האָבן דעם גלייכן ווערט מיט די אָרטיקע מינים געלט, רעכענענדיק אַן אָסט־רובל אָדער 2 מאַרק פאַר אַ רוסישן רובל; פאַר ניט ערפילן די באַפעלן ווערט מען איבערגעגעבן צום רעוואָלוציאָנערן געריכט.

באַפעל נומ' 2: אַלס שעף פון ווילנער גאַרניזאָן ווערט באַשטימט דער קאָמיסאַר פון דעם ערשטן פּסקאָווער שיסער־פּאָלק, חבר מאַכנאַטשעוו, אַלס קאָמענדאַנט פון שטאָט ווילנע—קאָמאַנדיר פון 5־טן ווילנער פּאָ.ק, חבר זינקעוויטש; דעם קאָמענדאַנט פון שטאָט ווערט אונטערגעוואָרפן די אָרטיקע סאָוועטישע מיליציע; קאָמיסאַר פון דער אָרטיקער סאָוו.טישער מיליציע—חבר וויסאָצקי.

באַפעל נומ' 3: ס'ווערט באַפוילן אַלע בירגער פון שטאָט

---

*) פיל דייטשע סאָלדאַטן און אָפיצירן זיינען נאָך פאַרבליבן אין שטאָט.

ווילנע און איר סביבה איבערצוגעבן אין משך פון 2 טעג דאָס געווער און אַנדערע מיליטערישע חפצים, וועלכע געפינען זיך ביי זיי, אין דער קאָמענדאַנטור געאָרג-פראָספעקט 8; פאַר האַלטן געווער וועלן די באַשולדיקטע באַשטראָפט ווערן לויט אַלע שטרענגקייטן ביז צום דערשיסן; ערלויבעניש אויף צו האָבן און טראָגן געווער ווערט אַרויסגעגעבן דורכן רעוו. קאָמ.; דאָס רעכט צו מאַכן רעוויזיעס און אַרעסטן געהערט דעם מיליטערישן רעוו. קאָמ. און דאָס קען אויכגעפירט ווערן נאָר דורך זיין באַפעל; שיינען אויף צו מאַכן רעקוויזיציעס, אויף אַיינצוקויפן פוראַזש און פראָוויאַנט קענען אַרויסגעגעבן ווערן נאָך דורכן מיליטערישן רעוו. קאָמ.

באַפעל נומ׳ 4. די שטאָט ווילנע ווערט פראָקלאַמירט אין באַלאַגערונגסצושטאַנד, דעריבער: איז די באַוועגונג אין די גאַסן ערלויבט נאָר ביז 9 אינאָוונט; די עלעקטריע אין די דירות ביז 12 ביינאַכט, אָבער די גאַסן מוזן זיין באַלויכטן אַ גאַנצע נאַכט; ס׳איז פאַרווערט די בירגער צונויפקלייבן זיך אין גרויסע גרופּעס; פערזאָנען, וועלכע וועלן מאַכן ניט קיין געזעצלעכע אונטערזוכונגען און אַרעסטן, וועלן שטרענג באַשטראָפט ווערן; רויבער, גנבים אין באַפאַלער וועט מען דערשיסן אויפן אָרט פון פאַרברעכן; ס׳ווערט אַרויפגעלייגט דער חוב אויף די חברים פון דער רויטער אַרמיי אויסצומיידן אינצידענטן אויף די גאַסן, ניט צו שיכורן און ניט שיסן גלאַט אין דער וועלט אַריין, כדי ניט אַרויסצורופן אַ פּאַניק ביי דער באַפעלקערונג. פאַר ניט ערפילן וועט מען שטרענג באַשטראָפט ווערן. פאָרזיצער פון דעם פראָוויזאָרישן רעוו. קאָמ.— באַראַנאָווסקי; געהילף—מאָראָזאָוו, מיטגלידער פּאָדגורסקי, פראָלעטאַראַס, זשמודסקי, טאַראַס, צראָנאָוויטש, סעקרעטאַר טריינים.

דעם 9/1 — וועגן רעגיסטרירן אין משך פון 3 טעג די שכנים מיט דער צאָל פערזאָנען פון יעדער וואוינונג; פאַר ניט ריכטיקע ידיעות אַ שטרענגע שטראָף, פאָרזיצער פון אַרבעטער-ראַט איידוקעוויטש, סעקרעטאַר אָלכקי.

באַפעל נומ׳ 5—אַז די בעלי-בתים פון הייזער, האָטעלן, זיינען מחויב אין משך פון 24 שעה פאַררעגיסטרירן אין קאָמיסאַריאַט אַלע איינוואוינער און אויך מעלדן וועגן זייער אָנקומען און אַרויספאָרן, פאַר טאָן כנגד דריי חדשים טורמע אָדער געלט-שטראָף 3000 רובל.

באַפעל נומ׳ 6 — אַז אַלע אייגנטימער פון פּאַפּירלאַגערס, דרוקערייען, בוכבינדערייען און בכלל פערזאָנען און אַנשטאַלטן, וואָס האָבן זאַפּאַסן פּאַפּיר, זיינען מחויב אין אַ משך פון דריי טעג אָנגעבן פון אַלץ, וואָס ביי זיי געפינט זיך און קיינער האָט ניט קיין רעכט מער קיינעם צו פאַרקויפן, סיידן די, וואָס האָבן אַ ערלויבעניש, אָבער ניט מער ווי איין ריז פאַר אַנשטאַלטן און איין ליוווער פאַר פריוואַטע פערזאָנען, פירנדיק דערביי גענויע חשבונות פון דעם פּאַפּיר; פאַר ניט ערפילן—שטרענגע שטראָף.

דעם 12/1 באַפעל נומ׳ 7: אַלע אייגנטימער פון דרוקערייען מוזן אין אַ משך פון 3 טעג אָנגעבן זייערע אַדרעסן מיט דער צאָל דרוקמאַשינען, זעצמאַשינען, אַרבעטער, וועלכע באַלייכטונג.

דעם 15/1 אַ פאַראָרדענונג פון קאָמיסאַר פון דער ווילנער סאָוועטישער מיליציע שמידט, אַז אַלע הויזבאַזיצער זיינען מחויב צו זעען אָפּרייניקן די גאַסן פון אייז און בלאָטע, אויך די טראָטואַרן און פאַרריכטן זיי, אויך ברענגען אין אָרדענונג די מיסטקאַסטנס און פראָוועטן, פאַר ניט אויספירן עס אין משך פון 3 טעג 500 רובל שטראָף.

דעם 16/1—באַפעל פון ווילנער קאָמיסאַריאַט פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, אַז אַלע אַנשטאַלטן, וואָס געפינען זיך אין זיין רשות, ווי קינדער-אַנשטאַלטן, מושב-זקנים וכדומה, מוזן אין משך פון 2 טעג מודיע זיין וועגן זייער טעטיקייט פאַר די לעצטע 3 חדשים, וועגן דער צאָל נפשות, וועגן דער צאָל פרייע ערטער.

דעם 16/1 — אַ מעלדונג פון דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג ביים אַרבעטער-ראַט, אַז די דאָקטוירים מוזן צושטעלן אויף ווייטער אין דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג ידיעות וועגן די קלעפּיקע קראַנקע; אויך מוזן אַלע דאָקטוירים פאַררעגיסטרירן זיך; דאָקטוירים, וואָס זוכן אַרבעט, דאַרפן אָנווייזן, וועלכע אַרבעט זיי ווילן זיך נעמען; אין יאַקוב-שפּיטאָל עפנט זיך אַן אָפּטיילונג פאַר קינפּענטאָרינס און פרויען-קראַנקהייטן.

דעם 17/1—פון אַרבעטער-ראַט, 1) אַלע פאַרוואַלטער פון די אָפּטיילונגען מוזן אָנגעבן, וויפיל מענטשן זיי מוזן האָבן. די איבעריקע ווערן אָפּגעזאָגט: אָן פאַמיליעס—דעם 1/2, מיט פאַמיליעס—דעם 15/2; 2) אַלע כילן, ווי אויך די דאָרט פאַרהאַנענע פראָדוקטן ווערן ערקלערט אַלס אייגנטום פון אַרבעטער-ראַט; 3) די פאַרמאַכטע אַנטלויזונגס-אַנשטאַלטן פון די דייטשן ווערן צוריק געעפנט אויף צו באַנוצן זיך אומזיסט, בלויז פאַר וואַנעס ווערט עפּעס געצאָלט; 4) כדי צו באַקעמפן די פראָסטיטוציע דאַרפן איינגעאָרדנט ווערן לעקציעס, פאַרזאַמלונגען, עס דאַרפן באַנוצט ווערן פאַרשיידענע אויפקלערונגס-מיטלען, ווי פּלאַקאַטן, באַוועגלעכע בילדער; אין נייטיקן פאַל דאַרפן אויך אָנגענומען ווערן צוואַנגס-מיטלען; 5) עס ווערט געגרינדעט אַן אָפּטיילונג פאַר אויסזוכן אַרבעט — אַן אַרבעטער-בירזשע און אַרבעטער-פאַרזיכערונג; 6) אין די שטאָטישע שפּיטאָלן ווערן אָרימע קראַנקע אָנגענומען אומזיסט אויפן חשבון פון שטאָט אָדער אויעזד, אין יאַקוב-שפּיטאָל ווערט געעפנט אַ אינטערנאַט פאַר אָרימע קינפּעטאָרינס, אויך ווערט פאַרגעלייגט דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג, זי זאָל פירן אונטערהאַנדלונגען מיט „משמרת-חולים" וועגן אָפּקויפן ביי די דייטשן ד״ר שליכטינס קליניק.

דעם 17/1 — אַ פאַראָרדענונג פון דער דערנערונגס-אָפּטיילונג וועגן די עפנטלעכע קיכן.

דעם 17/1 — ווידער אַ באַפעל פון קאָמיסאַר פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג וועגן די וואוילטעטיקע אַנשטאַלטן.

דעם 18/1 — באַפעל נומער 7 פון קאָמענדאַנט פון דער שטאָט ווילנע קעגן די רעקוויזיציעס פוז דער רוסישער רויטער אַרמיי.

אַ צווייטער באַפעל פונם זעלביקן קאָמיסאַר, אַז די סאָלדאַט פון דער רויטער אַרמיי, די מיליציע און פריוואַטע פערזאָנען וואָס זיינען שולדיק אין שיסן אָן אַ נויט, וועלן באַשטראָפט ווערן מיט דער גאַנצער שטרענגקייט פון די קריגס-רעוו. געזעצן, ביז צו דערשיסן.

אַ דריטער באַפעל:

„צו מיין דערגאַנגען, אַז די סאָלדאַטן, וואָס ווערן געהיילט אין די שפּיטאָלן פירן זיך ניט אָנשטענדיק. איך באַפעל צו פירן זיך מיט דער ווירדע פון אַ סאָלדאַט פון דער רעוו. אַרמיי און ערפילן די פאָדערונגען פון די דאָקטוירים און אַדמיניסטראַציע".

דעם 19/1—אַלע באַפולמעכטיקטע און ניט באַפולמעכטיקטע פאַרוואַלטער פון פאַרלאָזענע פריוואַטע הייזער, ערד-חלקים, פאַבריקן, מילן און מאַיאָנטקעס, מוזן צייט 3 טעג זיך מעלדן אין דער פאַרוואַלטונג פון פינאַנץ-אָפּטיילונג ביים ווילנער אַרבעטער-ראַט.

דעם 19/1 אַ פאַראָרדענונג פונם פרעזידיום פון ווילנער אַרבעטער-ראַט, אַז ער שליסט זיך אָן צו די פראָטעסט-מיטינגען און פראָטעסט-דעמאָנסטראַציעס, וואָס די קאָמוניסטישע פאַרטיי און די צ. ב. פון די פראָדוקציאָנס-פאַראיינען אָרדענען איין קעגן די גוואַלד-מעשים און בעסטיאַלישע הריגות, וואָס די ווייסע גוואַרדיע באַגייט איבער די פירער פון אַרבעטער-קלאַס און בכלל איבערן פראָלעטאַריאַט פון פוילן און דייטשלאַנד.

דער פרעזידיום איז מודיע, אַז דעם 19-טן יאַנואַר מוזן פון 1 ביז 6 אַ זייגער זיין פאַרמאַכט אַלע פאַבריקן, וואַרשטאַטן און

געשעפטן און די אַרבעטער מוזן אָפּגעלאָזן ווערן אויף מיטינגען און אויף דער מאַניפעסטאַציע.

דעם 19/1 אַלס אַ תשובה אויף דעם פאָרשלאָג פון פּרעזידיום פון ווילנער אַרבעטער=ראַט, אַז די צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער= און פויערים=רעגירונג פון ליטע זאָל אַרויסנעמען פון פאַרקער ביז צום ערשטן פעברואַר אַלע געלט „אָבער=אָסט", רעכנט די צייטווייליקע רעגירונג פאַר נייטיק, אַז 1) דער ווערט פון אָבער=אָסט געלט געפינט זיך אין אַן ענגער פאַרבינדונג מיט דעם פאַרבלייבן פון די אָקופּאַציאָנע שררות אויף דער טעריטאָריע פון ליטע און ביז וואַנען גאַנץ ליטע וועט ניט אָפּגערייניקט ווערן פון די דייטשע אָקופּאַנטן און ס'וועט ניט געשאַפן ווערן אַ רעגלמעסיקער פינאַנסיעלער אַפּאַראַט, וועט אַזאַ אַנולירן פון דעם אָסט=געלט אַרויסרופן אַ צושטערונג אין דער צירקולאַציע פון סחורות אין גאַנצן לאַנד.

צווייטנס, אַזוי ווי ס'איז ניטאָ קיין געלט, וואָס זאָל קענען פאַרבייטן אָסט=געלט, וואַרפט די צייטווייליקע רעגירונג אָפּ דעם פאָרשלאָג פון פּרעזידיום פון דעם ווילנער אַרבעטער=ראַט.

דריטנס, די צייטווייליקע רעגירונג באַשטעטיקט נאָכאַמאָל די באַפעלן, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון די קריגס רעוו. קאָמיטעטן וועגן אויסגלייכן דעם ווערט פון די אָסט=רובלס מיט די רוסישע רובלס, וואָס דאָס זאָל זיין אַ חוב פאַר אַלע בירגער פון לאַנד און רעכנט, אַז מלחמה האַלטן מיט דער געלט=ספּעקולאַציע קאָן מען דורך רעפּרעסיווע מיטלען און אויך מיט דעם אַריינמעמען פון דעם גאַנצן ענין פון דערנערונג אין די הענט פון דער אַרבעטער= און פויערים=רעגירונג.

דעם 19/1 אַ פאַראָרדענונג וועגן דער גלייכבאַרעכטיקונג פון די שפּראַכן:

1) אין אַלע סאָוועטישע אַנשטאַלטן זיינען גלייכבאַרעכטיקט אַלע היגע שפּראַכן.

2) ס'ווערט אַרויפגעלייגט אַ חוב אויף אַלע אָנפירער פון די סאָוועטישע אַנשטאַלטן צו זאָרגן וועגן דעם, אַז די סאָוועטישע אָנגעשטעלטע פון יעדער אַנשטאַלט זאָלן ענטפערן אויף אַ פראַגע אויף דער שפּראַך פון די באַזוכער. אַ אויסנאַם איז מעגלעך, ווען דער אָנגעשטעלטער פאַרשטייט ניט די שפּראַך פון באַזוכער.

3) שריפטלעכע תשובות ווערן געגעבן אויף יענער אָרטיקער שפּראַך, אויף וועלכער ס'ווערט אָנגעגעבן די מעלדונג. אַלע, וואָס וועלן ניט ערפילן די דאָזיקע באַשטימונג, ווערן גלייך באַזייטיקט פון זייערע שטעלעס.

דעם 19/1 אַ פאַראָרדענונג, אַז ס'איז פאַרווערט צו קויפן און פאַרקויפן מיליטערישע חפצים אונטער אַ שטרענגער שטראָף.

דעם 20/1. אינסטרוקציעס פון די וואַלן צום אַרבעטער=ראַט וועגן אויסקלייבן איין דעפּוטאַט אויף 50 קלייבער, באופן, אַז אין אַרבעטער=ראַט זאָל זיין ניט מערער ווי 300 דעפּוטאַטן, און נאָך 16 תקנות. צווישן אַנדערן, אַז די וואַלן מוזן זיין פּראָפּאָרציאָנעלע פאַר אַלע מענער און פרויען פון 18 יאָר אָן, וועלכע אַרבעטן אויף פּראָדוקטיווער אַרבעט, אויסער געוועזענע זשאַנדאַרן, שפּיאָנען און משוגעים.

דעם 21/1. פאַראָרדענונג פונם קאָמיסאַר פאַר אינערלעכע ענינים, אַז די אַלע, וואָס האָבן צוגענומען לעבעדיקן און טויטן איוועטאַר פון די מאַיאָנטקעס און מלוכה=וועלדער מוזן אומקערן.

דעם 23/1. אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג פונם פּרעזידיום פון ווילנער אַרבעטער=ראַט: אַלע אונטערנעמער, באַזיצער, אָדער פאַרוואַלטער פון פאַבריקן, זאַוואָדן, וואַרשטאַטן, קראָמען, קאַנטאָרן, געזעלשאַפטלעכע און סאָוועטישע איינריכטונגען אין וועלכע ס'זיינען פאַרנומען 10 און מער אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, מוזן אין משך פון צוויי טעג מודיע זיין 1) דעם נאָמען פון אונטערנעמונג 2) דער מין אונטערנעמונג 3) די צאָל באַשעפטיקטע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע ניט ייִנגער פון 18 יאָר, יעדערן מיט זיין נאָמען און זיין אַרבעט, כדי צו קענען באַשטימען די צאָל ווייִלער אין אַרבעטער ראַט.

דעם 24/1 אַ פאַראָרדענונג פונם פאָלקס=קאָמיסאַר פאַר דערנערונג: מחמת דעם, וואָס עס האָט זיך די לעצטע צייט פאַרשטאַרקט די געהיימע שחיטה כּדי צו שטיגן קינסטלעך אויפצושרויפן די פּרייזן אויף פלייש, און ווייל עס ווערן אויך ניט געהיט ביים קוילענען די היגעניש תנאים, דעריבער וועלן די שולדיקע אין קוילענען געהיים, אָדער פאַרקויפן ניט געשטעמפּלטע פלייש באַשטראָפט ווערן מיט 3 יאָר טורמע און זייער פאַרמעגן וועט קאָנפיסקירט ווערן.

דעם 24/1 אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן דעם פאַרבאָט אײַנצוקויפן לעבנסמיטלען אויף די ערטער אָן דער ערלויבעניש פון די אַנטשפּרעכנדע אָרגאַנען, וועגן אײַנקויפן פּראָדוקטן נאָר דורך די אָרטיקע רעווקאָמען, און וועגן אָננעמען די שטרענגסטע מיטלען קעגן ספּעקולאַציע.

דעם 26/1 אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז נעמענדיק אין אַכט, אַז פּאַפּיר פעלט אויס און די מעגלעכקייט צו קריגן אין דער נאָענטסטער צייט זעט זיך ניט אַרויס, דעריבער ווערט פאָרגעלייגט אַלע רעגירונגס= און פּריוואַטע אַנשטאַלטן און אָרגאַניזאַציעס ווי ווייט מעגלעך שפּאָרעוודיק זיך באַגיין מיט פּאַפּיר אָן אונטערשייד פון קוואַליטעט. אַלערליי מיני בקשות, מעלדונגען מוזן געשריבן ווערן אויף פּערטעלעך און אויב מעגלעך אויף אַכטעלעך, ניט איבערלאָזנדיק קיין ריינע זייטן.

דעם 27/1 אַ באַפעל פון דער אָפּטיילונג פון געזונט=אָפּהיטונג: היות ווי אין ליטע האָט זיך אַנטוויקלט די עפּידעמיע פון פלעקטיפוס, מוזן די הויז=אייגנטימער, פאַרוואַלטער און קאָמענדאַנטן פון בנינים אָננעמען עקסטרע מיטלען, אין משך פון 7 טעג זינט דער באַפעל איז פּובליקירט געוואָרן, כדי אָפּצורייניקן די הויפן, די אָפּגוס=גראָבנס, די מיסטקאַסטנס, קלאָזעטן און אַלע בנינים, וואו עס קלייבן זיך צונויף אַ סך מענטשן, דהיינו: וואָקזאַלן, טורמעס, קאַזאַרמעס, בעדער, געזעלשאַפטלעכע קיכן, קאַפע=הייזער און אַז. וו.

דעם 27/1 אַ פאַרבאָט פון פאָלקס-קאָמיסאַריאַט פאַר דערנערונג צו באַקן און צו פאַרקויפן אַלע צוקערגעבעק ווי פּיראָזשנעס, פּיראָגן, זיסע בולקעס א. א. וו. די וואָס וועלן טאָן כנגד וועלן באַשטראָפט ווערן ניט טורמע ביז 9 חדשים אָדער מיט געלטשטראָף ביז 3000 רובל.

דעם 27/1 אַ באַקאַנטמאַכונג פון דער פּאָליציייִשער אָפּטיילונג, אַז אַלע סאָוועטישע מוסדות, וואָס געפינען זיך אין די גרעניצן פון ליטע, דאַרפן אויפגעבן זייערע אַדרעסן.

דעם 29/1. ס'ווערט פאָרגעלייגט אַלע געוועזענע אָפיצירן און מיליטער=אָנגעשטעלטע, אינזשענערן, טעכניקער און אויך אַלע דאָקטוירים און פעלדשער ווי מעדיצינישע אַזוי אויך וועטערינאַרע, אַפּטייקער=געהילפן און פאַרמאַצעווטן, וואָס וואוינען אין ווילנע און דער אומגעגנט, וואָס געפינען זיך איצט ניט אין דינסט אין מיליטער=אָפּטיילונגען, מעלדן זיך צו רעגיסטראַציע אין רעגיסטריר=אָפּטיילונג ביים מיליטער=קאָמיסאַריאַט פאַר ליטע אין משך פון 5 טעג פון דעם טאָג, ווען ס'איז פּובליקירט געוואָרן דער דאָזיקער באַפעל. פון מעלדן זיך ווערן באַפרייט די געוועזענע אָפיצירן, וואָס זיינען אַרויס אין דימיסיע ביזן 1/1 1914. די וואָס וועלן ניט מקיים זיין דעם באַפעל, וועלן איבערגעגעבן ווערן צום קריגס רעוו. געריכט.

דעם 30/1. נעמענדיק אין אַכט די שווערע דערנערונגס=לאַגע און דאָס פעלן פון אייזנבאַן=פאַרבינדונג, ווערט צייטווייליק ביז אַ

נייער פאַראָרדענונג, פאַרווערט אַ״יי צופאָרן אין די גרעניצן פון דער ליטווישער רעפּובליק, אַלע פּערזאָנען, אַחוץ די וואָס פאָרן אין דינסטלעכע ענינים, אָדער וואָס זיינען שטענדיקע איינוואוינער פון ליטע און האָבן דאָ געוואוינט פאַר דער מלחמה. ערלויבענישן פאַר די פּערזאָנען, דערווייל זיין אַ באַגרעניצטער צאָל, ווערן אַרויסגעגעבן זיין ליטווישן קאָמיסאַריאַט אין מאָסקווע און זיינע אָפּטיילונגען אין פּעטערבורג, אָריאָל, סמאָלענסק, סאַמאַרע און סאַראַטאָוו. פּערזאָנען, וואָס האָבן ניט די געהעריקע ערלויבענישן, וועלן אומגעקערט ווערן צוריק פון גרעניץ.

אַרויספירן לעבנסמיטל איז אינגאַנצן פאַרווערט. פּאַסאַזשירן קענען מיטנעמען וויפיל זיי דאַרפן האָבן אין וועג, אָבער אַרום־און־אַרום ניט מער ווי 10 פונט. אונטערגעשריבן וו. מיצקעוויטש־קאַפּסוקאַס.

דעם 31/1. לויט דער פאַראָרדענונג פון ווילנער אַרבעטער־ראַט קומט היינט 31/1 פאַר די וואַלן אין ווילנער אַרבעטער־ראַט פון פאָלגנדיקע אונטערנעמונגען און אַנשטאַלטן, צווישן זיי פון די יידישע אַנשטאַלטן: יידישער שפּיטאָל 1 דעפּוטאַט, „מתמרת־חולים" 1 דעפּ., תלמוד־תורה, היגיענישע קיך פאַר האַנדלס־אָנגעשטעלטע אין סירקינס בית־ההאַנדלונג און קיך 1 דעפּ., יידישער יתומים־הויז, יינגל־שול פון „מפיצי־השכלה" און אַרבעטער־קינדערהיים 1 דעפּ., יינגל־שול פון דער געזעלשאַפט פאַר קינדער־פאַרזאָרגונג, קינדערהיים פאַר מיידלעך פון דער זעלבער געזעלשאַפט, „תורת־אמת" און גערשענאָוויטשעס שוך־וואַרשטאַט — 1 דעפּ., „צדקה גדולה", בית־עולם, שוך־פאַבריק פון צענטראַל־קאָמיטעט און 3־טע קינדער־קיך פון „מפיצי־השכלה" — 1 דעפּ. און אַנדערע.

סודעה פון דער האָלץ־אָפּטיילונג פון ווילנער אַרבעטער־ראַט, אַז פון 1/2 וועט מען אַרויסגעבן פון זיינע סקלאַדן האָלץ פאַר אַ בעטער און אָנגעשטעלטע פון דער שטאָט ווילנע צו פּוד אַ טאָג אויף אַ קויפער. דער פּרייז פון אַ פּוד האָלץ — 1 רובל.

דעם 2/2 — דער אַ ויספאָר פון ווילנע איז פאַר ציווילע פאַרבאָטן, אויסער סאָוועטישע אָנגעשטעלטע מיט ספּעציעלע מאַנדאַטן; שילער, וועלכע האָבן אורלויב; פּערזאָנען, וועלכע פאָרן אין די אינטערעסן פון זייער פּאַרטיי.

דעם 3/2 — דער דערנערונגס־קאָמיסאַריאַט האָט פאַרבאָטן אַרויסצופירן פון ליטע שפּייז־פּראָדוקטן. אין וועג מעג מען מיטנעמען ניט מער ווי 10 פונט. כדי צו קעמפן מיט ספּעקולאַציע און קאָנטראַבאַנדע וועט באַשטימט ביי די גרעניצן פון ליטע אַ גרעניץ־וואַך, אויף די רעקווירירטע זאַכן מוז די וואַך אַרויסגעבן אַ אָפיציעלע קוויטונג.

דעם 3/2. רעגיסטראַציע פון אונטערנעמונגען. דער פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון אַרבעט האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע האַנדלס אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, וואָס באַשעפטיקן אַרבעטער אָדער אָנגעשטעלטע מוזן צושטעלן, היגע אין משך פון דריי טעג, פּראָווינצלע אין משך פון 10 טעג, שריפטלעך פאָלגנדע ידיעות: נאָמען, באַזיצער, אָרט, אַדרעס, וואָס ווערט אויסגעאַרבעט, ווער שטייט בראש, וויפיל אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. די אונטערנעמונגען, וואָס אַרבעטן ניט, דאַרפן אויך אַלץ צושטעלן און שרייבן, וואָס איז די סיבה פון זייער אָפּשטעלונג און וויפיל אַרבעטער זיינען געווען אין דעם טאָג פון פאַרמאַכונג. פאַר ניט ערפילן אָדער פאַלשע ידיעות וועט מען ווערן איבערגעגעבן צום געריכט.

דעם 5/2. פון 5־טן אָן איז פאַרבאָטן אָנצוקלעפּן וועלכע עס איז דרוק־אויסגאַבן. אַלע סאָוועטישע און בירגערלעכע אַנשטאַלטן מוזן זיך ווענדן אין אויסקלעפּונגס־ביוראָ ביים אַרבעטער־ראַט. פונאַנדערקלעפּן קען מען נאָר אויף די שטאָטישע קיאָסקן און אַנדערע ערטער. פאַר ניט ערפילן אַ שטרענגע באַשטראָפונג. דער נאָך גייט דער פּרייז פון דער גרויס: ביז 60 קוו. סאַנט. 1 רובל 50 קאָפּ און אַז. וו.

דעם 6/2. די אַרבעטער־בירזשע איז מודיע אַלע פּריוואַטע און רעגירונגס־מוסדות און אונטערנעמונגען, אַז דינגען אָ געשטעלטע און אַרבעטער קען מען דורך אַ דירעקטער ווענדונג אין דער אַרבעטער־בירזשע, וואָס שיקט רבעטסלאָזע לויט דער ריי פון זייער פאַרשרייבן זיך. אַן אַרבעטסלאָזער, וואָס איז אָנגענומען דורך דער אונטערנעמונג ניט לויט דער אָרדענונג, וועט אַראָפּגענומען ווערן פון דער אַרבעט. אַלע אַרבעטער, וואָס ווערן געשיקט פון דער בירזשע זיינען באַזאָרגט מיט אַ דאָקומענט.

דעם 7/2. פון 1־מערץ אָן זיינען די אָפּגעשטעלט ניט גילטיק פאַרן פאַרקער. די רוסישע געלט (דומישע און קערענקעס) זיינען אָבליגאַטאָריש. ס׳וועלן געעפנט אָפּטיילונגען פון דער סאָוועטישער באַנק, וואו מען בייט אויס די אָפּגעשטעלט אויף רוסיש געלט אַ רובל אויף אַ רובל. בייטן קען מען נאָר ביזן 1־טן מערץ, און נאָך דעם טערמין זיינען די אָפּגעשטעלט מער ניט אָבליגאַטאָריש.

דעם 7/2. דאָקטוירים, פעלדשערס, פאַרמאַצעווטן, געוועזענע אָפיצירן און מיליטערישע באַאַמטע, אינזשענערן, טעכניקער און אַנדערע ספּעציאַליסטן, דאַרפן זיך מעלדן זיין משך פון 7 טעג, ד. ה. ביזן 14/2 אין ווילנער קרייז־קאָמיסאַריאַט פאַר מיליטערישע ענינים צוליב דער פּערזענלעכער רעגיסטראַציע.

דעם 7/2 אַ דעקרעט: 1) די אַרבעטס־צייט דאַרף ניט זיין לענגער פון 8 שעה אין מעת־לעת און 48 שעה אין וואָך, אַריינגערעכנט די צייט, וואָס ווערט אויסגעבראַכט אויף צו רייניקן די מאַשינעס און ברענגען אין אָרדענונג די אַרבעטס־שטוב. 2) ניט שפּעטער ווי 6 שעה נאָכן אָנהייבן די אַרבעט דאַרף זיין אַ פּרייע הפסקה אין דער אַרבעט אויף אָפּצורוען און אויף עסן. די הפסקה דאַרף זיין ניט קירצער ווי אַ שעה. אין משך פון די הפסקות קאָן דער אַרבעטער פּריי אויסנוצן די צייט און קאָן אַוועקגיין פון גבול פון דער אונטערנעמונג 3) די צייט פון אַלע הפסקות אין מעת־לעת צוזאַמען קען ניט זיין העכער פון 2 שעה 4) די אַרבעטס־צייט פון פּערזאָנען יינגער פון 18 יאָר, קאָן ניט געדויערן מער פון 6 שעה אין מעת־לעת. 5) די דויער פון יעדער וואָכנדיקער און יומטובדיקער רו, וואָס דער אַרבעטער באַקומט, ווערט איינגעשטעלט אויף 42 שעה.

אָנמערקונג. די 42־שעהדיקע כסדרדיקע יעדוואָכיקע רו ווערט צונויפגעשטעלט פון 24 שעה זונטאָג און 18 שעה שבת און מאָנטאָג, אָדער פון 24 שעה שבת און 18 שעה פרייטאָג און זונטאָג, אין ערשטן פאַל (ביי זונטאָג־רו) ווערט די אַרבעט פאַרענדיקט שבת, 2 אַזייגער בייטאָג און הייבט זיך אָן מאָנטאָג 8 אינדערפרי און ביי שבת־רו ווערט די אַרבעט פאַרענדיקט פרייטאָג 2 אַ זייגער בייטאָג און הייבט זיך אָן זונטאָג 8 אינדערפרי. 6) אין די פּראָדוקציעס און אַרבעטן, וואָס זיינען באַזונדערס שעדלעך און וואו די אַרבעטער זיינען אונטערגעוואָרפן ספּעציעל ניט גינסטיקע באַדינגונגען, דהיינו די אַרבעט אין טריקן־הייזער פון זייער הויכער טעמפּעראַטור, אין קוועקזילבער־ און פאַרב־פאַבריקן, ווערט די אַרבעטס־צייט פאַרקירצט. די רשימה פון אַזוינע מיני אַרבעטן ווערט צונויפגעשטעלט. די, וואָס וועלן עובר זיין אויף דעם דאָזיקן דעקרעט, ווערן באַשטראָפט מיט צונעמען די פרייהייט און אַריינזעצן אונטער וואַך אויף אַ טערמין ביז 1 יאָר און מיט קאָנפיסקאַציע פון גאַנצן אָדער אַ טייל פאַרמעגן.

דעם 7/2 — 1) פאַרשפּרייטן די סאָציאַלע פאַרזאָרגונג אויף אַלע מינים פון פאַרלירן די אַרבעטס־פעיקייט, דאָס הייסט, אויף די פאַלן פון קראַנקהייט, שעדיקונג, אינוואַלידנקייט, אַלטקייט, מוטערשאַפט, אלמנהשאַפט און יתומשאַפט און אויך פון אַרבעטסלאָזיקייט; 2) אַלע הוצאות פון דער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג אַרויפלייגן אויף די אונטערנעמער; 3) אין פאַל פון פאַרלירן די

אַרבעטספעאיקייט און אין פאַל פון אַרבעטסלאָזיקייט מוז אויסגעצאָלט ווערן דער גאַנצער פאַרדינסט.

דעם 7/2 — אַלע הויזבאַזיצער, פאַרוואַלטער און אויך שכנים זיינען מחויב אין משך פון 5 טעג מעלדן אין וואוינונגס־אָפּטיילונג וועגן אַלע פרייע באַוואוינבאַרע און ניט באַוואוינבאַרע לאָקאַלן: דירות, צימערן, קאַמערן, סקלאַדן, שפּייכלערס, אייז־קעלערס, שטאַלן א. אַז. וו. אַלע הויז־באַזיצער, פאַרוואַלטער און שכנים, האָבן ניט קיין רעכט אָן אַ ערלויבעניש פון דער וואוינונגס־אָפּטיילונג צו פאַרדינגען צימערן אָדער דירות אָדער אַנדערע לאָקאַלן. פאַרן טאָן כנגד וועט מען באַשטראָפט ווערן, אָנהייבנדיק מיט 3 מאָנאַט טורמע ביז קאָנפיסקאַציע פון גאַנצן פאַרמעגן.

נומ׳ 3 — אַלע הויז־באַזיצער און פאַרוואַלטער זיינען מחויב אין משך פון 2 טעג צו געבן וויסן אין וואוינונגס־אָפּטיילונג: 1) וועגן די איינוואוינער, וועלכע זיינען אַרויסגעפאָרן און האָבן איבערגעלאָזן זייער פאַרמעגן בשעת ווען עס איז אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן; 2) וועגן די איינוואוינער, וועלכע האָבן איבערגעלאָזן זייער פאַרמעגן ביים אָנקומען פון דער סאָוועטישער מאַכט און אויך וועגן די דירות און לאַזאַרעטן, וועלכע זיינען געווען אין באַזיץ פון דער דייטשער מאַכט און וועגן די מעבל, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזן.

נומ׳ 4 — אַלע פריוואַטע פּערזאָנען, מיליטער און אויך אַנשטאַלטן, וועלכע האָבן באַקומען פון וואוינונגס־אָפּטיילונג אַן ערלויבעניש צו פאַרנעמען דירות מיט מעבל, אָדער אַנדערן פאַרמעגן זיינען מחויב אין משך פון 3 טעג צושטעלן אין וואוינונגס־אָפּטיילונג אַ גענויע רשימה פון דעם [illegible] פאַרמעגן, וועלכן זיי האָבן באַקומען לויטן אָרדער פון וואוינונגס־אָפּטיילונג, צוזאַמען מיט די פאַרנומענע דירות. פאַר ניט ערפילן — שטרענג באַשטראָפן.

דעם 9/2 — אַ מודעה וועגן אַ ראַטן־צוזאַמענפאָר פון ליטע. פון יעדן וואָלאָסט־ראַט 1 דעפּ., פון אויעזד־ראַטן צו 5 דעפּ., ווילנע — 20 דעפּ., קאָוונע — 10, גראָדנע — 5 דעפּ., ביאַליסטאָק — 7.

דעם 9/2 — מינימום פון אַרבעטס־לוין. דער פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר אַרבעט צוזאַמען מיט דער צענטראַלביוראָ פון די אינדוסטריע־פאַראיינען. דער מינימאַלער אַרבעטס־לוין פאַר אַ דערוואַקסענעם אַרבעטער און אָנגעשטעלטן איז 350 רובל אַ מאָנאַט, פאַר אַ מינדעריעריקן 150 אַ מאָנאַט. דער אויבנדערמאָנטער מינימום דאַרף אויסגעצאָלט ווערן פון 6/1 אָן. צוזאַמען מיט דעם איז מען מודיע, אַז עס ווערן איילינק אויסגעאַרבעט טאַריף־נאָרמעס פאַר אַלע מינים לוין־אַרבעט.

דעם 9/2 — ערלויבעניש צו אַרויסצופאָרן פון ווילנע ווערן אַרויסגעגעבן: 1) פּערזאָנען, וואָס האָבן מאַנדאַטן פון פאַרטייען 2) אָנגעשטעלטע פון דער ראַטנמאַכט, וואָס ווערן ספּעציעל קאָמאַנדירט, 3) שטודירנדיקע, וואָס האָבן אורלויב־בילעטן.

דעם 10/2 — באַקאַנטמאַכונג פון וואוינונגס־אָפּטיילונג. אַלע הויזבאַזיצער אָדער פאַרוואַלטערס, וואָס געפינען זיך אין די ראַיאָנען פון 1 2 און 3 מיליץ־צירקלען, דאַרפן נעמען אין די דאָזיקע צירקלען אַנקעטע־בויגנס אויף אויספילן די צאָל איינוואוינער און אין משך פון 5 טעג, אומקערן די דאָזיקע בויגנס אין די צירקלען. פאַר ניט ערפילן אַ שטרענגע שטראָף. פאָרזיצער יאַקשעוויץ.

דעם 14/2 — דער ווילנער אַרבעטער און רויט אַרמייאישער ראַט האָט אַרויסגעלאָזן אַזאַ אויפרוף צו דער יידישער באַפעלקערונג: פיל פאַרדעכטיקע לייט טראָגן אַרום קלאַנגען, אַז ס׳גרייט זיך אין ווילנע אַ יידישער פּאָגראָם; זיי העצן אויף די פּוילישע מאַסן קעגן יידן, דאָס זיינען קאָנטר־רעוו., וואָס ווילן אומקערן צוריק די הערשונג פון די קאַפּיטאַליסטן. דער ווילנער אַרבעטער־ראַט שטייט אויף דער וואַך און שיצונג פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אָן אונטערשייד פון נאַציאָן: ער האָט אָנגענומען אַלע





נייטיקע מיטלען ניט צו דערלאָזן וועלכע ס׳איז אומרוען. די קלעסטע פּאָגראָם־אַגיטאַציע ווערט ניט דערלאָזן און שטרענג פאַרפאָלגט. די באַפעלקערונג ווערט גערופן זיך צו האַלטן רואיק, ניט געבן קיינעם קיין מעגלעכקייט אַרויסצורופן עקסצעסן, ניט מאַכן קיינע העצעס אויף די גאַסן און באַזייטיקן זיך פון די ערטער, וואו ס׳קלייבן זיך צונויף גרויסע מ נגעס מענטשן. זייט זיכער, דער אַרבעטער ראַט איז אויף דער וואַך און וועט ניט דערלאָזן מיט אַלע מיטלען קיינע אָנפאַלן ווי אויף יידן, אַזוי אויך אויף אַנדערע. פּרעזידיום פון ווילנער ראַט פון אַרבעטער און רויטע אַרמייער.

דעם 14/2 אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג פון דער אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג און אַרבעטסשוץ ביים פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון אַרבעט לייגט אַרויף פון 15/2 אַ אָפּצאָל אויף אַלע טעאַטער־פאָרשטעלונגען, קאָנצערטן, לעקציעס פון פאָלגנדקער גרייס: ביז 50 קאָפּ. 5 קאָפּ. א. א. וו. אויף אַלע בילעטן דאַרף זיין דער שטעמפּל פון סאָציאַלער פאַרזאָרגונג. פון אָפּצאָל זיינען פריי מיטינגען, מיטינגען־קאָנצערטן, לעקציעס מיט בילעטן נידעריקער פון 1 רובל. דער אָפּצאָל ווערט גענוצט לטובת די קינדער־הײמען. פאַר ניט מקיים זיין ווערן די שולדיקע באַשטראָפט מיט 3 חדשים טורמע און מיט 3000 רובל שטראָף.

דעם 16/2 — מודעה פון דער איינקויפס־קאָמיסיע, אַז פאַר דער רויטער אַרמיי זענען נייטיק שטיוול און קאַמאַשן, און דעריבער דאַרפן די אַלע, וואָס האָבן שוך־זאַפּאַסן וועלכע טויגן פאַר מיליטער, מעלדן ביזן 20/2 אין דער קאָמיסיע צום פאַרקויף, לויט אַ פרייען פּרייז. די, וואָס וועלן ניט מעלדן ביז דעם טערמין וועלן זיך רעכענען פאַר ספּעקולאַנטן, און אויף זיי וועלן אָנגעווענדט ווערן די געהעריקע ווירקונגס־מיטלען.

אַרויספירן פון ווילנע שוכוואַרג, וואָס טויג פאַר מיליטער, איז פאַרבאָטן.

דעם 16/2 — די פאַרוואַלטונג פון דער הויפּט־באַפּולמעכטיקטער רוסישער געזעלשאַפט פון רויטן קרייץ אויף ליטע מעלדעט, אַז פון 21/2 עפענען זיך סאַניטאַרע דיזענפעקציאָנע קורסן ביי דער פאַרוואַלטונג. ס׳ווערן אָנגענומען גוט געלערנטע מענטשן פון ביידע געשלעכטער פון 18 ביז 40 יאָר. דער לערנען איז אומזיסט. די צאָל וואַקאַנסיעס איז באַגרענעצט.

דעם 16/2 — באַפעל וועגן באַשטייערן אַלע טעאַטראַלע אונטערנעמונגען אין פינאַנץ־שטייער־סעקציע פון דער אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג.

דעם 16/2 — אַ דעקרעט, אַז אַלע אַרבעט־געבער זאָלן איינצאָלן פאַר די שטענדיקע אַרבעטער 16 פּראָצ. פון די שכירות און פאַר סעזאָנע 18 פּראָצ. פאַר ניט ערפילן — טורמע.

דעם 16/2 — אַ הודעה פון דער אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג און אַרבעטסשוץ ביים פאָלקסקאָמיסאַריאַט פאַר אַרבעט, אַז דעם 20/2 הייבט זיך אָן דאָס אַרויסגעבן שטיצע די אַרבעטסלאָזע, וועלכע דאַרפן אָנגעבן אַ מעלדונג און צושטעלן: 1) באַשטעטיקונג פון דער אַרבעטסבירזשע, 2) אַ פּערסאָנאַל־שיין און אַ שיין פון אַ ווילנער נכתּב, 3) אַ באַשטעטיקונג פון זיין פּראָדוקציאָנס־פאַראיין וועגן דעם גראַד פון זיין נויט.

דעם 16/2 — אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג פון דער אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג און אַרבעטסשוץ, אַז אַלע אַרבעטגעבער, וועלכע וואוינען אין ראַיאָן פון דער שטאָט ווילנע דאַרפן אַריינטראָגן ניט שפּעטער פון 22/2 זייער ערשטן פאַרזיכערונגס־אָפּצאָל אין ליטווישן פאָנד פון סאָציאַלער פאַרזאָרגונג פאַר דער צייט פון 1/2 ביז 15/2.

דעם 17/2 — אַ הודעה פון דער ווילנער אָפּטיילונג פון דער פאָלקסבאַנק, אַז פון 15/2 הערט זי אויף צו בייטן פאַר פריוואַטע

פערזאָנען אַסיגנאַציעס פון 250 און 1000 רובל. ס׳וועלן געביטן ווערן נאָר קערענקעס פון 40 און 20 רובל. גרויסע געלטשיינען וועט מען בייטן נאָר פאַר אינסטיטוציעס און אונטערנעמונגען, וואָס דאַרפן באַצאָלן שכירות זייערע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע.

דעם 18/2 — אַ הודעה פון קאָמיסאַריאַט פאַר ערדאַרבעט וועגן דער עפענונג (דעם 20/2) פון דריטהאַלבנחדשימדיקע אומויסטע אָוונט=קורסן פאַר ערד=אַרבעט, גאָרטנווירטשאַפט און בינען=צוכט.

דעם 19/2 — אַ באַפעל פון ווילנער קרייז=קאָמיסאַריאַט פאַר מיליטערישע ענינים, אַז אַלע מענער, געבוירענע אין יאָר 1900, מוזן זיך מעלדן אין קאָמיסאַריאַט, כּדי פאַררעכנט צו ווערן פאַר מיליטער=פליכטיקע. פאַרן ניט מעלדן זיך וועלן די שולדיקע באַשטראָפט ווערן נאָך די דינים פון קריגס=רעוואָלוציאָנערער צייט.

דעם 19/2 — אַן אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג פון העכסטן ראַט פאַר פאָלקסווירטשאַפט אין ליטע צו אַלע ווילנער סוחרים און קרעמער, וואָס האַלטן סחורה אויף פּריוואַטע דירות און אין אַנדערע ערטער, וואָס ניט די קונים, ניט די מאַכט ווייס דערפון, אין משך פון דריי טעג אַריבערצופירן די באַהאַלטענע סחורות פון די באַהעלטענישן אין זייערע סקלאַדן, מאַגאַזינען און קרעמלעך אָדער אין משך פון דערזעלבער צייט פאַררעגיסטרירן די סחורות אין ראַט פאַר פאָלקסווירטשאַפט, אָנווייזנדיק דעם אָרט, דעם מין און דעם סכום פון דער סחורה. אין קעגנפאַל — שטראָף לויט דער גאַנצער שטרענגקייט פון די געזעצן פון דער קריגס=רעוואָלוציאָנערער צייט און קאָנפיסקאַציע פון דער געפונענער סחורה. דער דעקרעט איז אויך חל אויף פּריוואַטע פּערזאָנען, וואָס באַהאַלטן ביי זיך פרעמדע סחורה, סיידן די סחורה שטייגט ניט אַריבער די פאַרברויך=נאָרמע פון איין פּערזאָן.

דעם 20/2 — אַן אויפרוף פון דעם ווילנער אַרבעטערראַט:

חברים און בירגער!

דער שווערער פּעריאָד פון די דריי יאָר דייטשער אָקופּאַציע פון אונזער קאַנט איז ניט אַריבער אָן אַ פּועל יוצא. פאַרניכטעטע שטעט און דערפער, פאַרוואָרפענע פעלדער, פאַרמאַכטע פאַבריקן און זאַוואָדן, אויסגעליידיקטע סקלאַדן און צעבראָכענע וועגן — דאָס איז די ירושה, וואָס מיר האָבן באַקומען פון דעם רויבערישן רעזשים פון דער אָקופּאַציע. בליץ=שנעל איז געגאַנגען די אויסליידיקונג פון דער שטאָטישער ווירטשאַפט — די לעצטע זאַפט פון דער פאַראָרימטער לאַנד=בעל=הבתישקייט.

די אָקופּאַציע און די פאַרברעכערישע ספּעקולאַציע האָבן געטאָן זייער אַרבעט. און דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם אָרימען פויערטום, וואָס האָבן אַריינגענומען די מאַכט צו זיך אין די הענט, אין דער פאָרם פון ראַטן=אָרגאַנען, איז אויסגעקומען אומגעווייַנלעך זיך אָנצושטרענגען, כּדי צו פאַרפילן די ערנערונגס=זאַפּאַסן און אַיינצוהיטן דעם „פּאַיאָק״ אין זיין פריערדיקער גרייס, וואָס האָט זיך אַיינגעגעבן דעם ווילנער אַרבעטער=ראַט אַדאַנק דער אָנגעשטרענגטער אַרבעט פון אַלע ערנערונגס=אָרגאַנען אין משך פון 7 וואָכן. איצטער, צוליב דעם, וואָס דער טראַנספּאָרט איז צעשעדיקט, האָט זיך דער צופיר פון לעבנסמיטלען אין ווילנע שטאַרק פאַרקלענערט, און מיר זיינען געצוואונגען, צו אונזער גרויסן עגמת=נפש, צייטווייליק פאַרקלענערן דעם ראַציאָן ברויט אויף אַ העלפט ד. ה. אָנהייבנדיק פון מיטוואָך 19/2 (די 21=טע ברויט=וואָך) וועט ברויט אַרויסגעגעבן ווערן אין גאַנצן סכום נאָר פאַר 2 וואָכן מיט אַמאָל ד. ה. אַז באַזונדער פאַר די צווייטע וואָך וועט מען ניט אַרויסגעבן.

מיר רופן אייך, חברים און בירגער, צו רו און אָרדענונג אין פולן גלויבן אין דעם, אַז אין דער נאָענטסטער צייט וועט די באַפעלקערונג ווייטער זיין אינגאַנצן באַזאָרגט מיט לעבנסמיטלען.



דעם 20/2 — אַ הודעה פון ווילנער אַרבעטערראַט, אַז אַלע פורן פון די דערפער, וואָס ברענגען פּראָדוקטן, טאָרן ניט רעקווירירט ווערן.

דעם 20/2 — אַ צירקולאַר פון דעם פאָלקסקאָמיסאַריאַט פאַר אינעווייניקסטע ענינים, אַז די אָרטיקע און אויעזדנע רעווקאָמען זאָלן זיך ניט אַנטזאָגן צו געבן פערד אַריבערצופירן די פּאָסט.

דעם 20/2 — אַ פאַראָרדענונג פון דעם איספּאָלקאָם פון ווילנער אַרבעטערראַט, אַז היות ווי צוליב די אָפּערציעס פון דער פאָלקסבאַנק איז דאָ אין שטאָט אַ סך קליינגעלט, דעריבער ווערט אָפּגעשאַפט די פאַראָרדענונג, אַז רעשט פון אַ קערענקע מוז מען געבן נאָר ביי אַ קניה פון איבער 10 רובל; ביי יעדער קניה מוז מען געבן אויסגאָב, אַניט די שטרענגסטע שטראָף.

דעם 23/2 — אַן אָבליגאַטאָרישע תּקנה פון דער אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער, פאַרזיכערונג= און אַרבעטסשוץ, אַלס צוגאָב צו דער פאַראָרדענונג פון 12/2, אַז אַלע אונטערנעמונגען, איינריכטונגען און ווירטשאַפטן סיי פּריוואַטע סיי נאַציאָנאַליזירטע אָדער מלוכישע, און אויך איינציקע אַרבעטגעבער זיינען מחויב צו פירן ביכער און פאַרשרייבונגען, וואָס דאַרפן צוגעשטעלט ווערן אין 2 וואָכיקע באַריכטן ביים איינצאָלן די פאַרזיכערונגס=שטייערן.

דעם 23/2 — אַ הודעה, אַז ביי דער טעכנישער אָפּטיילונג פון ווילנער ראַט פון די אַרבעטער און רויטע אַרמייער האָט זיך געעפנט אַ וואַרשטאַט אויף צו פאַרריכטן אַלערליי שרייבמאַשינעס, קאַסעס און צייל=מאַשינעס.

אַ מודעה, אַז דער טערמין פון אַריינטראָגן די פאַרזיכערונגס=אָפּצאָלן אין ליטווישן פאָנד פאַרן 1/2 ביז 15/2 איז פאַרלענגערט געוואָרן ביזן 28/2 1919, און פאַר ניט ערפילן וועלן די שולדיקע מוזן ענטפערן סיי מיט זייער געלט, סיי מיט זייער פּערזענלעכער פרייהייט.

דעם 23/2 — תּקנות וועגן די תּנאים פון אָננעמען פורמאַנעס אין פרייוויליקן אָפּאָז ביי דער אָפּטיילונג פאַר טראַנספּאָרט און עוואַקואַציע פון דער צענטראַלער קאָלעגיע וועגן געפאַנגענע און היימלאָזע אין ליטע.

דעם 26/2 — אַ באַשטימונג פון דער דערווייליקער רעוו. אַרבעטער= און פויערים=רעגירונג פון ליטע, אַז אַלע אַקטן און אָפּמאַכן וועגן אויסנוצן די וועלדער, וואָס זיינען געשלאָסן געוואָרן דורך רעגירונגס=אָרגאַנען אָדער דורך פּריוואַטע פּערזאָנען פאַר דער דאָזיקער באַשטימונג ווערן אָפּגעשאַפט. אַלע אָנגעגרייטע געהילץ, וואָס געפינט זיך סיי אין די וועלדער, סיי אויף די סקלאַדן אין די שטעט און דערפער גייט אַריבער אין אייגנטום פון דער אַרבעטער= און פויערים=רעפּובליק פון ליטע. וועגן די אַלע סקלאַדן דאַרפן די בעלי=בתּים תּיכף מעלדן אין די געהעריקע אָרגאַנען.

דעם 26/2 — אַ מעלדונג פון דעם פאָלקסקאָמיסאַריאַט פאַר בילדונג וועגן אָרגאַניזירן 2 1/2=חדשימדיקע קורסן אויף צוצוגרייטן אינסטרוקטאָרן פאַר אויסערשול=בילדונג; די לעקציעס וועלן געלייענט ווערן אויף יידיש, פּויליש און ליטוויש.

דעם 26/2 — אַ פאַראָרדענונג פון איספּאָלקאָם, אַז קוילענען פערד, וואָס זיינען אַלט און ניט פעאיק צו אַרבעט מעג מען אין שעכטהויז, אָבער אַריינפירן פערדנפלייש פון ניט=הי איז שטרענג פאַרווערט.

דעם 26/2 — אַ הודעה:

חברים און בירגער!

יעדער פון אייך, ניט נאָר וואָס ער זעט, נאָר ער פילט אויף זיך די אומגלויבלעכע וואַקכאַנאַליע, וואָס יז באַשאַפן געוואָרן פון די ספּעקולאַנטן. די דאָזיקע פאַרשאָלטענע מאַראָדערן קימערן זיך לחלוטין ניט וועגן דער אָרימער באַפעלקערונג, זיי דאַרפן נאָר וואָס פולער אָנשטאָפּן די קעשענעס. די ספּעקולאַציע האָט אַרומגעכאַפּט אַלע מינים סחורות, די פרייזן שטייגן פון שעה,

אָן שום טעם. נאָר ספּעקולירן מיט סחורה איז פאַר זיי ווייניק, און אָט האָבן זיי אָנגעהויבן אַ עקלדיקע ספּעקולאַציע מיט געלט, זיי לאָזן אַרויס קלאַנגען, אַז קערענקעס איז כלומרשט ביליגער ווי ניקאָלאַיעווסקע און אַז מען דאַרף זיי בכלל ניט נעמען א. אַ. וו.

דער ווייניק באַוואוסטזיניקער עולם לאָזט זיך איינריידן און וואַרפט אַרויס זיינע פאַרהאָרעוועטע קערענקעס פאַר העלפט געלט.

דער ספּעקולאַנט קלייבט זיי תיכף אויף, פירט זיי אַוועק אין דער נאָענטסטער שטאָט אין רוסלאַנד, וואו מען האָט קיינמאָל ניט געמאַכט קיין חילוקים צווישן פאַרשיידענע סאָרטן געלט, און לעבט אָן פון די דאָזיקע מיאוסע אָפּעראַציעס הונדערטער טויזנטער רובל.

איך ווענד זיך צו דער באַפעלקערונג מיט אַ התראה ניט צו גלויבן די לעכערלעכע קלאַנגען, זיין אויף דער וואַך און מעלדן וועגן יעדן רויבער־מאַראָדער דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע און די קאָמיסיע פון איר זייט האָט אָנגענומען ערנסטע מיטלען אויפצודעקן די גאַנצע חברה ספּעקולאַנטן, וואָס אָפּערירן אין שטאָט, און די מאַכט וועט זיך מיט זיי אָפּרעכענען אויפן אַמאָל אומברחמנותדיקן אופן.

פאָרזיצער פון דער אויספאָרשונגסקאָמיסיע—גיטין.

דעם 23/2—אַ מודעה, אַז מען האָט אַרויסגעגנבעט דעם גומי־שטעמפּל פון דער רעגירונג מיט אַ אויפשריפט אין פויליש און ליטוויש: „דערווייליקע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־ און פויערים־רעגירונג פון ליטע"; ס'ווערט פאָרגעלייגט דער מיליטערישער און ציווילער מאַכט אָנצונעמען מיטלען אויפצווכן דעם גנב;

אַלע פּאַפּירן, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט דעם שטעמפּל נאָכן 23/2, זיינען ניט גילטיק.

דעם 26/2—אַ הודעה, אַז אין דער אַרבעטס־בערזע פאָדערט זיך אַן אינספּעקטאָר אויף ווירטשאַפט־ס־ענינים מיט אַ גרויסער פּראַקטיק, בילכּער איז אַ פּערזאָן, וואָס האָט געאַרבעט אין אַ שטאַטישן אָדער זעמסטווע־פאַראיין.

דעם 27/2— אַ פאַרבאָט פון אויספיר־קאָמיטעט פון ווילנער ראַט אויסצואַרבעטן שטעמפּלען פאַר סאָוועטישע אָפּטיילונגען, געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, אָנגעשטעלטע אָדער פּריוואַטע פּער־זאָנען אָן דער ערלויבעניש פון אויספיר־קאָמיטעט א. אַ. וו.

דעם 27/2—אַ מעלדונג צו אַלע אַרבעטער פון ווילנע וועגן שאַפן אויף אַלע פאַבריקן אַרבעטער־פאַבריק־קאָמיטעטן, אין די וואַרשטאַטן באַפולמעכטיקטע און וועגן אָרגאַניזירן קאָמיסיעס צו רעגולירן די אינדוסטריע.

דעם 27/2—אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג קעגן דער ספּעקולאַציע און אַרויספיר פון ביכער און שרייב־מאַטעריאַלן. פאַר־קויפן ביכער און שרייב־מאַטעריאַלן מער ווי איין עקזעמפּלאַר אָדער איין שטיק קאָן מען נאָר מיט אַ געהעריקער ערלויבעניש פון בילדונגס־קאָמיסאַריאַט, אונטער דער התראה פון קאָנפיסקאַציע סיי ביים פאַרקויפער סיי ביים קויפער.

דעם 27/2—צוויי מודעות וועגן רעגיסטרירן 1) די אַנשטאַלטן פאַר פאָרשול־בילדונג און 2) די שולן; די אַנקעטע פאַר די שולן אַנטהאַלט 21 פונקטן.

דעם 27/2 — אַ ווענדונג צו דער באַפעלקערונג, זי זאָל מעלדן אין דער געזונט־אָפּטיילונג וועגן אַלע מיסברויכן ביים פאַרטיק מאַכן רעצעפּטן, כדי מען זאָל קענען אָננעמען מיטלען אויסצובעסערן די אַפּטייקן.

דעם 28/2—אַ פאַראָרדענונג וועגן אַלגעמיינער מאָביליזאַציע פון פערד און געשפּאַן.

דעם 28/2—אַן אָבליגאַטאָרישע הודעה פון פּרעזידיום פון ווילנער אַרבעטער־און רויט־אַרמייאישן ראַט וועגן איינפירן אַ קלאַסן־פּאַיאָק:

1) פון 1/3 1919 ווערן איינגעפירט נייע ברויט־און ערנערונגס־צעטלען אויפן סמך פון קלאַסן־פונאַנדערטיילונג פון דער ווילנער באַפעלקערונג אין דריי קאַטעגאָריעס (קלאַסן־פּאַיאָק); 2) די צעטלען ווערן אַרויסגעלאָזן אין דריי פאַרבן לויט די דריי קאַטעגאָריעס, אויף וועלכע עס טיילט זיך די ווילנער באַפעלקערונג; 3) דאָס רעכט צו באַקומען צעטלען געהערט דער באַפעלקערונג פון ווילנע, וואָס וואוינט אין איינעם פון די שטאָטישע צירקלען. די אַרבעטער, וועלכע וואוינען אויסערן שטאָט גיט זיך דאָס רעכט משתדל צו זיין זיך צו באַקומען ברויט־ און ערנערונגס־צעטלען; 4) די נייע צעטלען גיבן זיך אַרויס דער ווילנער באַפעלקערונג ביים צושטעלן די הויז־ביכער אויסשליסלעך נאָכן וואוינונגס־אָרט דורך די געהעריקע בעלי־בתים, פאַרוואַלטערס אָדער סטרעזשער; 5) דאָס באַקומען די פּראָדוקטן אויף די צעטלען פון די דריי קאַטעגאָריעס קומט פאָר אויפן יסוד פון פאָלגנדער פּראָפּאָרציע: אויב אויף די צעטלען פון דער ערשטער קאַטעגאָריע באַקומט מען 4 איינסן פון וועלכן ס'איז פּראָדוקט, איז אויף די צעטלען פון דער צווייטער קאַטעגאָריע באַקומט מען 3 איינסן און אויף די צעטלען פון דער דריטער קאַטעגאָריע 1 איינס פון דעם זעלבן פּראָדוקט; 6) דער סדר פון אַרויסגעבן ברויט און ערנערונגס־פּראָדוקטן מיטן איינפירן די נייע צעטלען איז פאָלגנדיקער: אין דער ערשטער ריי ווערט אַרויסגעגעבן אויף די צעטלען פון דער ערשטער און צווייטער קאַטעגאָריע איינצייטיק; אין דער צווייטער ריי—אויף די צעטלען פון דער דריטער קאַטעגאָריע.

7) די אָנגעהעריקייט פון דער ווילנער באַפעלקערונג צו איינער פון די דריי קאַטעגאָריעס קומט פאָר אויף פאָלגנדיקע אַלגעמיינע באַשטימונגען: 1־טע קאַטעגאָריע (100 פּראָצענט) שווערע אַרבעטער, 2־טע קאַטעגאָריע (75 פּראָצענט) לייכטע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע; 3־טע קאַטעגאָריע (25 פּראָצ.)—אַלע אַנדערע.

ע ר ש ט ע ק אַ ט ע ג אָ ר י ע (100 פּראָצ.): א) אַלע אַרבעטער און אַרבעטסלאָזע, וואָס פאַרנעמען זיך אָדער האָבן זיך פאַרנומען מיט פיזישער אַרבעט. אַהער געהערן קוואַליפיצירטע, געלערנטע און איינפאַכע אַרבעטער; ב) אַלע פאַראַנטוואָרטלעכע אָנגעשטעלטע פון די סאָוועטישע איינריכטונגען און פון אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, וואָס זייער אַרבעט איז ניט באַגרעניצט מיט אַ צייט; ג) אַלע קינדער און מינדעריעריקע ביז 16 יאָר איינשליסלעך; ד) אַלע שוואַנגערע און זויגעדיקע פרויען, ביז דאָס קינד ווערט אַלט אַ יאָר; ה) פרויען—בעל־הביתטעס (וואָס האָבן ניט קיין דינסטן מיט אַ פאַמיליע פון דריי נפשות און גרעסער).

צ ו ו י י ט ע ק אַ ט ע ג אָ ר י ע (75 פּראָצ.): א) אַלע אַרבעטער און אַרבעטסלאָזע, קוואַליפיצירטע און ניט קוואַליפיצירטע, וואָס זיינען פאַרנומען אָדער געווען פאַרנומען מיט לייכטער פיזישער אַרבעט און אַלע, וואָס פאַרנעמען זיך מיט גייסטיקער אַרבעט. ב) אַלע עלטערע מענטשן, וואָס זיינען אַלט פולע 60 יאָר און עלטער; ג) פּענסיאָנערן, פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן, אינוואַלידן און ניט קיין אַרבעטספּעיקע פון דער ערשטער קאַטעגאָריע, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן אויפן חשבון פון זייער פאַמיליע.

ד ר י ט ע ק אַ ט ע ג אָ ר י ע (25 פּראָצ.): א) אַלע פּערזאָנען און זייערע פאַמיליעס, וואָס לעבן פון הכנסה פון זייער קאַפּיטאַל, פון הייזער, אונטערנעמונגען אָדער וועלכע באַנוצן זיך מיט פרעמדער געדונגענער אַרבעט, ב) גייסטלעכע, פאַרוואַלטערס, דירעקטאָרן פון פאַרשיידענע פּריוואַטע אונטערנעמונגען, וואָס טראָגן אַ קאָמערציעלן כאַראַקטער; ג) פּערזאָנען אָן אַ באַשטימטער באַשעפטיקונג (אַהער גייען אַריין אַרבעטסלאָזע, וואָס זיינען ניט פאַררעגיסטרירט אין דער אַרבעטס־בערזע) און די גאַנצע ניט אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג.—די איבעריקע פונקטן פון די פאַראָרדענונגען באַשטימען די פאַרשיידענע פּרטים פון דעם ענין.

דעם 2/3 — אַ פאַראָרדענונג פאַר אַלע הויזווירטן און הויזפאַרוואַלטערס אין משך פון 4 טעג צו באַזאָרגן הויז-ביכער און ברענגען אין דער געהעריקער אָרדענונג די רעגיסטראַציע פון די שכנים, אונטער דער התראה פון דער שווערסטער פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

דעם 2/3 — אַ הודעה פון דער טראַנספּאָרט-עוואַקויר-אָפּטיילונג פון דער גובערניאַלער קאָלעגיע, אַז מ'זוכט פורן פאַר געפאַנגענע און היימלאָזע אין דער ריכטונג אויף קאָוונע, גראָדנע, לידע; געצאָלט לויטן אָפּמאַך.

דעם 2/3 — אַ מעלדונג פון רויטן קרייץ פאַר ליטע, אַז אַלע דאָקטוירים, פעלדשערס און געוועזענע אָפּיצירן, וועלכע זיינען אָנגעשטעלט אין די אינסטיטוציעס פון „קרעסטליט", מוז זיך שטעלן צו אַ רעוויזיע אין קאָמיסאַריאַט פון ווילנער קרייז.

דעם 2/3 — אַ מעלדונג פון פּרעזידיום פון אַרבעטער-ראַט: אַז ווי די שונאים פון אַרבעטער-קלאַס און זייערע געדונגענע אַגענטן פאַרשפּרייטן פאַלשע קלאַנגען וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן, איז דער ווילנער ראַט מודיע, אַז יעדן טאָג ווערן געדרוקט אין די צייטונגען גענויע ידיעות וועגן דער לאַגע אויפן פראָנט און וועגן די פּאָליטישע געשעענישן און, אַז אַלע פאַלשע קלאַנגען האָבן ניט קיין גרונד און זייַגען נאָר פּראָוואָקאַטאָרישע אַרבעט פון די שוואַרצע קאָנטררעוואָלוציאָנערע כוחות.

דער פּרעזידיום איז דעריבער מתרה, אַז אַלע פּערזאָנען, וואָס פאַרשפּרייטן פאַלשע קלאַנגען, וועלן צוגעצויגן ווערן צו אַ שטרענגער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און רופט די אַרבעטער ניט גלויבן אין זיי און אָנווייזן אויף די, וואָס פאַרשפּרייטן זיי.

דעם 2/3 — אַ דעקרעט פון דער ליטוויש-ווייסרוסישער רעגירונג, אַז עס ווערן אָפּגעשאַפט אַלע שטאַנדן (פּויערים, מעשטשאַנעס), טיטלען (גראַף, פירשט) און ערנגעמען (אַסעסאָר, ראָטמאַן). פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג פון ליטע ווערט איינגעשטעלט איין נאָמען: בירגער פון דער אַרבעטער- און פּויערים-רעפּובליק פון ליטע.

דעם 3/3 — אַ פאַראָרדענונג וועגן עלעקטריע פאַר פּריוואַטע אַבאָנענטן.

דעם 3/3 — אַ מעלדונג פון דער אָפּטיילונג פאַר באַקליידן די אַרמיי און די באַפעלקערונג ביים העכסטן פאָלקסווירטשאַפטס-ראַט, אַז זי האָט געעפנט וואַרשטאַטן, וואו עס דאַרפן זיך ווענדן מיט באַשטעלונגען אַלע אַנשטאַלטן, וואָס באַקליידן די אַרמיי, די קריגס-געפאַנגענע און היימלאָזע.

דעם 5/3 — אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז דאָס דייטשע אָסטגעלט ווערט פון 1/3 אָן אַרויסגענומען פון פאַרקער און דאַרף ניט אָנגענומען ווערן. ניט שפּעטער פון 10/3 דאַרפן אַלע אָסט-געלטער איבערגעביטן ווערן אין ווילנער אָפּטיילונג פון פאָלקסבאַנק. נאָך דעם דאָזיקן טערמין וועט דאָס אָסטגעלט קאָנפיסקירט ווערן און, די וואָס וועלן דאָס געלט האַלטן, וועלן באַשטראָפט ווערן.

אַ דעקרעט פון אַרבעטס-קאָמיסאַריאַט וועגן דעם רעכט פון איטלעכן אַרבעטער אַליין זיך אויסצוקלייבן זיין רו-טאָג דאָרטן, וואו עס קען ניט שטערן דעם גאַנג פון דער אַרבעט.

דעם 5/3 — אַ פאַראָרדענונג פון גובערניאַלן קריגסקאָמיסאַר ראַסיקאַס און פון קאָמענדאַנט קאַראָק וועגן שיינען אויף האַלטן געווער אונטער דער התראה פון אַ שטרענגער שטראָף ביז שיסן.

דעם 6/3 — אַן אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג וועגן דער רעגיסטראַציע פון ביבליאָטעקן.

דעם 6/3 — אַ הודעה פון דער סטאַטיסטישער אָפּטיילונג ביים אַרבעטערראַט וועגן אַרויסנעמען פאָדערונגס-בלעטער צוליב די ברויט-צעטלען.

דעם 8/3 — ווידער אַ מעלדונג וועגן צושטעלן די פערד צו אַ רעוויזיע.



דעם 10/3 — אַ אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג פון פאָלקס-קאָמיסאַריאַט פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג פאַר ליטע און ווייסרוסלאַנד וועגן דער רעגיסטראַציע פון אַלע וואוילטעטיקע אַנשטאַלטן אין ליטע און ווייסרוסלאַנד ביילייגנדיק אַ דין-וחשבון פאַר די לעצטע 2 יאָר 1917—1918. פאַר ניט ערפילן אָדער געבן פאַלשע ידיעות וועלן די פאַרמעגנס פון די אַנשטאַלטן קאָנפיסקירט ווערן און די פאַרוואַלטערס וועלן שטרענג באַשטראָפט ווערן.

דעם 12/3 — אַ מעלדונג וועגן אָרגאַניזירן אַ אונטעראָפּטיילונג פאַר פאָרשולבילדונג אין אַלע שטאָטישע און אויעזדנע ראַטן אָדער רעווקאָמען.

דעם 16/3 — אַ הודעה פון דער אַרבעטער-בערזע, אַז ס'האָט זיך געעפנט אַ קאָנטראָל-יורידישע אָפּטיילונג צו קאָנטראָלירן דאָס צונעמען אָנגעשטעלטע ניט דורך דער בערזע. מעלדונגען ווערן אָנגענומען מונדלעכע און שריפטלעכע, אָבער ניט קיין אַנאָנימע.

דעם 17/2 אַן אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג, אַז רעוויזיעס און רעקוויזיציעס קענען דורכגעפירט ווערן נאָר מיט דער ערלויבעניש פון איספּאָלקאָם אָדער מיט אַן אָרדער פון דער רעקוויזיציע-אונטעראָפּטיילונג.

דעם 17/3 — אַן אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג פאַר אַלע אינדוסטריעלע און האַנדלס-אונטערנעמונגען און פּריוואַטע פּערזאָנען צו רעגיסטרירן די סחורה.

אַ מודעה וועגן אַ צוזאַמענפאָר פון פאָלקס-בילדונג.

דעם 18/3 — אַ באַפעל פון נאַרקאָמפּוט (פאָלקסקאָמיסאַריאַט פאַר קאָמוניקאַציע) אָפּצושטעלן פון 18/3 ביז 10/4 די פּאָסט-פּאַסאַזשיר-באַנען אויף ווילנע—לידע, ווילנע—מאָלאָדעטשנע, ווילנע—בעזדאַני.

דעם 18/3 — אַ הודעה פון פאָלקסקאָמיסאַריאַט פון בילדונג, אַז עפענען קונסטשולן קען מען נאָר מיט דער ערלויבעניש פון דער קונסט-אָפּטיילונג ביים קאָמיסאַריאַט.

דעם 20/3 — אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג פון דער סאָציאַליסטישער רעפּובליק פון ליטע און ווייסרוסלאַנד:

היות ווי ס'הערט ניט אויף די שרעקלעכע ספּעקולאַציע מיט געלט, די פאַרשיידענע אָפּשאַצונג פון „ניקאָלאַיעווסקע" און „קערענקעס", מען אַנטזאָגט זיך צו נעמען „קערענקעס" א. אַז. וו. האָט דער פאָלקס-קאָמיסאַר פאַר מיליטערישע ענינים באַשטימט אויפן סמך פון קריגס-צושטאַנד: 1) פאַר ספּעקולירן מיט געלט, אומבייטן איין מין געלט אויפן אַנדערן העכער אָדער נידעריקער פאַרן נאָמינעלן פּרייז, 2) פאַר פאַרשיידענע פּרייזן אויף סחורות מיט די אָדער יענע געלט; 3) פאַר אָפּזאָגן זיך צו נעמען „קערענקעס" אָדער אַנדערע געלט, וואָס דאַרפן פריי גיין אין גבול פון דער רעפּובליק לויט די באַשטימונגען פון פינאַנץ-קאָמיסאַריאַט, — וועלן די שולדיקע איבערגעגעבן ווערן צום געריכט פון קריגס-רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל לויט די געזעצן פון קריגסצייט און עס וועט אָנגעווענדט ווערן קעגן זיי די העכסטע שטראָף ביז צום קאָנפיסקירן דעם גאַנצן פאַרמעגן און דערשיסן. — אַלע בירגער ווערן געבעטן תיכף מעלדן וועגן אַלע פאַלן פון ניט אָפּהיטן די דאָזיקע באַשטימונג כדי צוצוציען די שולדיקע צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

אונטערגעשריבן: פאָרזיצער פון פאָלקסקאָמיסאַרן-ראַט מיצקעוויטש-קאַפּסוקאַס, פאָלקסקאָמיסאַר פאַר מיליטערישע ענינים — אונשליכט.

דעם 20/3 — אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג פון דער סאָציאַליסטישער רעפּובליק פון ליטע און ווייסרוסלאַנד:

אויפן סמך פון קריגס-צושטאַנד, כדי צו קעמפן מיט דער וואַקסנדיקער ספּעקולאַציע, וואָס לייגט זיך באַזונדערס שווער

אויף די אָרימע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, האָט דער פאָלקסקאָמיסאַריאַט פאַר מיליטערישע ענינים פון דער סאָציאַליסטישער ראַטנרעפּובליק פון ליטע און ווייסרוסלאַנד באַפוילן: 1) אַלע הענדלער מוזן אַרויסהענגען ביי זיך אויף אַן אָנזעעוודיקן אָרט אַ רשימה פון אַלע פאַראַנענע סחורות און אָנשרייבן די פרייזן אויף זיי, 2) קאָפּיעס פון די דאָזיקע רשימות דאַרפן צוגעשטעלט ווערן אין די נאַרקאָמוואָיען—אין ווילנע און אין די גובערניאַלע און אויעזד־קאָמיסאַריאַטן—אין דער פּראָווינץ, 3) אויף יעדערער פון אַזעלכע רשימות דאַרף זיין אָנגעוויזן די דאַטע, ווען זי איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן; 4) אין פאַל, ווען עס באַקומען זיך פרישע סחורות אָדער די אָנגעמערקטע אין דער רשימה ווערן אויספאַרקויפט, דאַרפן די דאָזיקע ענדערונגען אַריינגעטראָגן ווערן אין דער רשימה ווידער מיט דער אָנווייזונג פון דער דאַטע, ווען די ענדערונגען זיינען געמאַכט געוואָרן און איבערגעגעבן אין געהעריקן קריגס־קאָמיסאַריאַט, 5) פאַר באַהאַלטן סחורות, פאַר אייגנוויליקע ענדערונגען אין די פרייזן און פאַרן ניט אָפּהיטן די דאָזיקע אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג וועלן די שולדיקע איבערגעגעבן ווערן צו אַ משפט פון קריגס־רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל לויט די געזעצן פון קריגס־צייט און קעגן זיי וועלן אָנגעווענדט ווערן די העכסטע שטראָפן—ביז קאָנפיסקירן דעם גאַנצן פאַרמעגן און דערשיסן, 6) אַלע בירגער ווערן געלאַדן תיכף צו מעלדן וועגן אַלע פאַלן פון ניט אָפּהיטן די דאָזיקע פאַראָרדענונג, כדי צוצוציען די שולדיקע צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט; 7) כדי אַכטונג צו געבן, אַז די דאָזיקע פאַראָרדענונג זאָל שטרענג דורכגעפירט ווערן—ווערט ביים קאָמיסאַריאַט געבילדעט אַ אויסעראָרדנטלעכע אינספּעקציע, וועמעס באַפולמעכטיקטע מוזן אַלע מיטהעלפן.

דעם 20/3—אַ באַפעל פון איספּאָלקאָם, אַז אַלע וואָס האָבן גערטנער, סעדער, ליידיקע פלעצער א. אַ. זיינען מחויב אויסצונוצן זיי פאַר גערטנער אויף גרינס. די, וואָס האָבן ניט קיין מיטלען דערצו, זאָלן פאַררעגיסטרירן זייער ערד אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אָפּט.

דעם 24/3—אַ מודעה פון דער ערנערונגס־אָפּטיילונג ביים ווילנער ראַט וועגן צושרייבן זיך צו וועלכער ס'איז פון די 108 שטאָט־בעקערייען, נאָכן באַקומען די ברויט־קאַרטן.

דעם 27/3—אַ פרישע אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג, אַז די אַנשטאַלטן זאָלן צושטעלן די אַנקעטע־בויגנס פון די צוגענומענע דורך דער אַרבעטס־בערזע.

דעם 28/3 - אַ מודעה פון דער אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, אַז פון 28/3—הייבט זי אָן אַרויסצוגעבן אומזיסט ברויט פאַר דער אָרימער באַפעלקערונג פון ווילנע. די קאָמיטעטן, וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן אומזיסט ברויט ביז איצט, ווערן בטל.

דעם 31/3—אַ אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג פון דער שטאָטישער אָפּטיילונג פון פאָלקסבילדונג, אַז לערנען רעליגיאָנס־לימודים אין די שולן אויף וועלכער עס איז שפּראַך איז פאַרווערט. די לערער פון רעליגיאָנס־לימודים אויף וועלכער עס איז שפּראַך דאַרפן תיכף אָפּגעזאָגט ווערן פון זייערע שטעלעס, אויסגעשלאָסן ווערן פון לערער־פערסאָנאַל און ניט פאַררעכנט ווערן אין די ביודזשעטן.

דעם 1/4—אַ פאַראָרדענונג וועגן סעקורירן פון אומגליקס־צופאַלן אַלע אַרבעטער, אָנגעשטעלטע און הויזדינסטן.

דעם 9/4—אַ מודעה פון ווילנער צענטראַלן אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוו, אַז ער עפנט אויף דעם 10/4 22 אָפּטיילונגען, וואו מען וועט אַרויסגעבן נאָרמירטע פּראָדוקטן אויף די ברויט־קאַרטעס פון דער 1־טער און 2־טער קאַטעגאָריע פאַר מערץ: זאַלץ אויף 72 ק. אַ פונט, צוקער 6 ר. אַ פונט, מאַרמעלאַד 5,60 ר. אַ פונט, שוועבעלעך צו צוויי קעסטעלעך 25 ק. אַ קעסטל, חוץ דעם וועט קירצלעך אַרויסגעגעבן ווערן אויך גאַלאַנטעריי־ און מאַנופאַקטור־סחורות.

דעם 6/4—אַן אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג, אַז אַלע פערזאָנען, וואָס באַקומען אַ פּאַיאָק, מוזן אומקערן זייערע ברויט־טאַלאָנען, וועלכע זיי האָבן באַקומען לויט די אַלגעמיינע כּללים.

דעם 6/4—אַ אויפפאָדערונג אַלע לערנאַנשטאַלטן צוצושטעלן אַ רשימה, וואָסערע ביכער און לערנמכשירים זיי פעלט און אין וואָסערע שפּראַכן.

דעם 6/4—אַ באַפעל, אַז אַלע אַיינריכטונגען, ביי וועלכע ס'געפינט זיך גאָלד, צירונג א. ד. ג. מוזן עס אַריינטראָגן תיכף אין פאָלקסבאַנק.

דעם 7/4—אַ באַפעל וועגן איינפירן בעדער מיט אַנטלויזונגס־אַפּאַראַטן, צו באַקעמפן די עפּידעמיעס; אַ באַפעל, אַז אַלע מלוכישע און געזעלשאַפטלעכע הוצאה־ און הכנסה־ביכער מוזן זיין געשטעמפּלט, אַניט האָבן זיי ניט קיין ווערט.

דעם 8/4—אַ מודעה פון צ. ב. פון די פּראָדוקציאָנס־פאַראייינען, אַז ס'האָט זיך ביי אים געגרינדעט אַ אָפּטיילונג צו מאָביליזירן תיכף אַלע מיטגלידער פון די פּראָדוקציאָנס־פאַראייינען אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי פון 18 ביז 40 יאָר אָן אויסנאַם פון געשלעכט. אַ מודעה, אַז קיין שום אָפּטיילונג פאַר פאָלקסווירטשאַפט טאָר ביי זיך ניט האַלטן אַ סומע ווי 500 רובל מזומן.

דעם 9/4—אַ דעקרעט וועגן פאַרבייטן אַלע נעמען פון ערטער, וואָס זיינען געגעבן געוואָרן לכבוד רוסישע, פּוילישע אָדער ליטווישע מלכים און שררות; אַ מעלדונג, אַז אַלע רוסישע געלטער ווי צאַרישע, דומע און קערענקעס האָבן איין ווערט; אַ דעקרעט וועגן אָפּטיילן די קירכע פון דער מלוכה מיט 18 תקנות דערצו; אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטרירן די דירות אין דער אָפּטיילונג פאַר וואוינונגען.

אַ מודעה פון צ. ב. פון די פּראָדוקציאָנס־פאַראייינען, אַז לויטן באַשלוס פון דער פאַרזאַמלונג פון די פאַרוואַלטונגס־פאָרשטייער פון די פאַראייינען פון 1/4, אין וועלכער ס'האָט באַטייליקט אויך דער קריגס־קאָמיסאַר, דאַרפן אַלע מיטגליודער פון די פאַראייינען פון 18 ביז 40 יאָר אומאָפּהענגיק פון זייער געזעלשאַפטלעכער אָדער פּריוואַטער באַשעפטיקונג זיך מעלדן צו מאָביליזירן זיך אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי און באַקומען אַ רעגיסטראַציאָנס־בילעט. די פערזאָנען, וואָס וועלן זיך ניט מעלדן, וועלן אויסגעשלאָסן ווערן פון די פּראָדוקציאָנס־פאַראייינען און וועלן אַנטזאָגט ווערן פון זייערע שטעלעס. אַ באַפעל, וועלכער ערקלערט גאַנץ ווילנער און מינסקער גוב. אין קריגסצושטאַנד, מיט אַלע דינים פון קריגסצושטאַנד.

דעם 10/4—אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג פון דער אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג און אַרבעטס־שוץ וועגן אַריינטראָגן פאַרזיכערונגס־אָפּצאָל פאַר דער דינערשאַפט; אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע קרעמער, בעלי־בתים וכדומה מוזן אויסשרייבן דעם רעגירונגס־בלאַט.

אַ מודעה פון „קרעסטליט", אַז ער עפנט 6־וואָכיקע קורסן פאַר באַרימהאַרציקע ברידער און שוועסטער, וועלכע האָבן אַ צענז פון 4 קלאַסן גימנאַזיע.

דעם 13/4 — אַ רעגיסטראַציע פון אַלע לערנביכער, וואָס געפינען זיך אין די בוכגעשעפטן; אַ רעגיסטראַציע פון אַלע אָנגעשטעלטע אין די מאַנופאַקטור־געשעפטן, וועלכע זיינען פאַרחתמעט געוואָרן; רעגיסטראַציע פון אַלע לערן־אַנשטאַלטן; רעגיסטראַציע פון אַלע מינים סחורות, וואָס געפינען זיך אין ווילנער געשעפטן און סקלאַדן.

דעם 14/4—אַ אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג וועגן אַן אַנקעטע, אין וועלכער יעדער בירגער מוז אָנווייזן זיין באַשעפטיקונג, פאַרמעגן וכדומה.

דעם 17/4—אַ מודעה פון דער אָפּטיילונג פאַר פאָרשול־ער־

ציאונג ביים בילדונגס-קאָמיסאַריאַט, אַז דעם 1/5 עפנט זי אויף מאָנאַטלעכע אומזיסטע קורסן פאַר פאַרוואַלטער פון זומער-קאָלאָניעס און קינדער-גערטנער; 5-חדשימדיקע קורסן פאַר אינסטרוקטאָרן און שטענדיקע מיטאַרבעטער אין די אַנשטאַלטן פאַר פאָ־שול-ערציאונג. די קורסן וועלן צעטיילט ווערן אויף פּאַראַלעלע סעקציעס לויט די שפּראַכן; אַ פאַראָרדענונג וועגן מעלדן אַלע געפאַלענע בהמות; אַ פאַראָ־דענונג, אַז יעטווידע אַנשטאַלט ביים באַשטעלן אַ חתימה מוז צושטעלן אַ קאָפּיע פון דער ערלויבעניש אויף דער חתימה אין צוויי עקזעמפּליאַרן.

דעם 18/4 — אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע רעגירונגס-אַנשטאַלטן און אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען נאָך ניט פאַררעגיסטרירט אין פאָלקסקאָמיסאַריאַט זיינען זיך מחויב צו רעגיסטרירן צייט 7 טעג. אַ התחייבות פאַר אַלע אַנשטאַלטן אויסצושרייבן געוויסע קאָמוניסטישע צייטונגען. אַ פאַראָרדענונג איבערצורעגיסטרירן אַלע פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס.

## די פּוילישע אָקופּאַציע

אַן אויפרוף פון פּוילישן מלוכה-שעף יוזעף פּילסודסקי, ביים פאַרנעמען ווילנע דורכן פּוילישן מיליטער, אַז דעם גורל פון ווילנער קאַנט בנוגע זיין מלוכה-צוגעהעריקייט לאָזט ער איבער איינגאַנצן אויפן ווילן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. אַזאַ באַשלוס האָט אויך אָנגענומען דער פּוילישער סיים דעם 15/5 בנוגע דער פראַגע.

דעם 24/4 — אַ באַפעל, וועלכער באַשטימט דעם ה׳ יאַן פּילסודסקי אַלס קאָמיסאַר פון ווילנע.

דעם 25/4 — אַ באַפעל פון פּילסודסקין, וועגן דער באַשטעטיקונג פון ה׳ אָסמאָלאָוסקי אַלס גענעראַל-קאָמיסאַר פאַר די מזרח-געביטן.

דעם 27/4 — אַ פאַראָרדענונג וועגן אַיינפירן טויט-שטראָף פאַר געוויסע פאַרברעכנס.

דעם 30/4 — אַ ווענדונג פון ווילנער בירגערמייסטער וו. אַבראַמאָוויטש, אַז דער פּחד פון די ווילנער אײַנוואוינער, דאָס דער פּוילישער חיל וועט פאַרלאָזן ווילנע איז אַ אומזיסטער און רופט דעריבער די באַפעלקערונג צו האַלטן זיך רואיק.

דעם 2/5 — אַ פאַראָרדענונג וועגן אָפּגעבן דאָס געווער צייט איין טאָג, פאַר טאָן כנגד טויט-שטראָף, פאַר באַהאַלטענע געווער אין ניט פאַרדונגענע צימערן זיינען פאַראַנטוואָרטלעך די בעלי-בתים און די פאַרוואַלטערס. פאַר וואוינונגען, וואָס געהערן צו געזעלשאַפטן און קאָרפּאָראַציעס איז פאַראַנטוואָרטלעך דאָס פּרעזידיום.

אַלע הויזאייגנטימער און פאַרוואַלטער זיינען מחויב אָנמעלדן וועמען פון די אײַנוואוינער מען איז חושד אין באַהאַלטן געווער. אויב מען וועט נאָכהער ביי וועמען פון די אײַנוואוינער געפינען געווער וועט דער בעל-הבית, פאַרוואַלטער אויז סטראָזש באַשטראָפט ווערן מיט געלט און טורמע.

דעם 3/5 — צו די אײַנוואוינער פון ווילנע: 1) אַלע פּריוואַטטעלעפאָנען זיינען אַ אייגנטום פון דער פּוילישער מלוכה און מען קען עס צו יעדער צייט אָפּנעמען, באַנוצן זיך מיט די טעלעפאָנען איז פאַרבאָטן. פאַר טאָן כנגד שטראָף מיט געלט און טורמע 2) אַזוי ווי דער באַפעל צו האַלטן אָפן די געשעפטן אין געוויסע צייטן איז ניט גענומען געוואָרן אין אַכט, ווערט פאַראָרדנט שטרענג אָפּהיטן די צייט פון עפענען די געשעפטן. פאַר טאָן כנגד געלט-שטראָף מיט טורמע. די געשעפטן, וועלכע האָבן ניט קיין סחורה (דאָס הייסט די צעראַבירטע) מוזן אָנמעלדן דעריבער. ווען ס׳וועט זיך אַרויסבאַווייזן, אַז זיי האָבן יאָ סחורה, וועט דאָס קאָנפיסקירט ווערן. אַחוץ דעם שטראָף.

דעם 5/5 — אַ דעקרעט וועגן דער דעמיסיע פון ציווילן גענ. קאָמיסאַר פון די אָקופּירטע געביטן ה׳ ד״ר ל. קאַזאַנקאָווסקי





פון 6/5 איז לויט אַ באַפעל אײַנגעפירט געוואָרן די פּוילישע וואַליוטע, און דערום דאַרפן אַלע חשבונות, פּרייזן וכדומה, אויסגערעכנט ווערן אין פּוילישן מאַרק. איידער אָבער ס׳וועלן פאַרשווינדן פון אומלויף די רוסישע און דייטשע געלט איז פאָרלויפיק באַשטימט געוואָרן פאָלגנדער קורס: 1 פּוילישער מאַרק=1 דייטשער מאַרק, 1 צאַרישער רובל, 1 1/2 „דומע״-רובלס, 2 קערענקע-רובלס.

דעם 7/5 — אַ באַפעל וועגן באַפרייען און פאַרקלענערן אַלע שטראָפן, וועלכע זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דער באַפעלקערונג פון די אָקופּירטע געביטן דורך די דייטשן און עסטרייכער.

פון 7/5 אָן איז אויפן גאַנצן מלחמה-שטח פון די מזרח-לענדער אײַנגעפירט געוואָרן די צייט פון באַן-זייגער לויט דעם מיטל-איראָפּעאישן זייגער.

דעם 9/5 — אַ באַפעל וועגן אויסליפערן אַלער אַרט געווער וועלכע געפינט זיך ביי דער ציווילער באַפעלקערונג ניט שפּעטער ווי ביז דעם 12/5. די בירגער, דורך וועלכע מען איז דערגאַנגען וואו ס׳געפינט זיך געווער, וועלן באַלוינט ווערן מיט שפּייז-פּראָדוקטן, די סטרעזשער פון די הויפן זיינען מחויב צו מעלדן וועגן די פאַרלאָזענע דייטשע און באָלשעוויסטישע פורן, וועלכע געפינען זיך ביי זיי אויף די הויפן.

אויך איז מען מחויב צו מעלדן וועגן אַלע פאַרבליבענע פיינדלעכע מיליטער-אַרטיקלען אין פּריוואַט-וואוינונגען ביזן 15 מאַי. פון 9/5 מעג מען גיין אויפן גאַס ביז 10 אָוונט. פאַר טאָן כנגד שטרענגע שטראָף.

דעם 9/5 — לויט אַ באַפעל פון דער פּוילישער מיליטער-הויפּט-קאָמאַנדע, האָט פּאָדפּאָלקאָווניק פּעלטשינסקי איבערגענומען די שטעלע פון דעם שטאָט-אָנפירער איבער ווילנע.

דעם 10 מאַי — אַ פאַראָרדענונג וועגן פּרעסע: 1) אַלע דרוקן און ליטאָגראַפיעס מוזן פאַררעגיסטרירט ווערן, 2) אַרויסצוגעבן אַ צייטשריפט אין די פיר לאַנד-שפּראַכן: פּויליש, ליטוויש, ווייסרוסיש און יידיש, דאַרף מען קיין באַזונדער ערלויבעניש ניט האָבן, מען דאַרף נאָר מעלדן דעם נאָמען פון צייטונג, רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער, אָרט פון רעדאַקציע, אַדמיניסטראַציע און דרוקעריי, צושטעלן 7 עקזעמפּליאַרן פאַרן אַרויסגיין פון דער דרוקעריי, פאַר טאָן כנגד ווערן די דרוקערייען און די דרוק-זאַכן סעקוועסטרירט, די צייטשריפטן פאַרמאַכט. די שולדיקע פאַרן אויספירן דורך דער הילף פון דרוק-זאַכן אַזעלכע מעשים, וואָס זיינען פאָראויסגעזען אין דער פאַראָרדענונג וועגן אײַנפירן טויט-שטראָף פון 27/4 וועלן ווערן איבערגעגעבן צום פעלד געריכט.

דעם 10/5 — אַ מעלדונג מיט תקנות וועגן ווידער עפענען די פּאָסט אין ווילנע.

דעם 12/5 — דער באַפולמעכטיקטער פון גענ. קאָמיסאַר ה׳ יאַמאָנט איז מודיע, דאָס די פּוילישע רעגירונג האַלטנדיק די קאָמוניסטישע רעגירונג פאַר ניט קיין געזעצלעכע און אָקופּירנדע, אָנערקענט זי ניט קיין שום התחייבותן פון דער דאָזיקער מאַכט הן מלוכה-רעכטלעכע, הן פּריוואַט-רעכטלעכע און איז זיי אינגאַנצן מבטל.

דעם 14/5 — אַ באַקאַנטמאַכונג פון שטאָט-קאָמיסאַר יאַן פּילסודסקי, דאָס די פּערזאָנען, וועלכע וועלן ניט צושטעלן דאָס געלט פון די פאַרבליבענע ראַטן-רעגירונגס-אַנשטאַלטן אָדער פאַר באַהאַלטן אַ טייל פון זיי, פאַר ניט מעלדן וועגן די זאַכן, וואָס זיי האָבן צוגענומען, פאַר ניט מעלדן וועגן דעם, וואָס אַנדערע האָבן פאַרנומען געלט אָדער זאַכן, וועלן זיין פאַראַנטוואָרטלעך ווי פאַר צעראַבירטע פרעמדע גוטס. לויט דער זעלבער באַקאַנטמאַכונג איז יעדעס באַוועגלעך אָדער ניט באַוועגלעך אייגנטום, וואָס איז געבליבן אין ווילנע נאָך דער צאַרישער, דייטשער און דער ראַטנמאַכט, אַן אייגנטום פון דער מלוכה.

דעם 11/5 — אַ מודעה פון ווילנער מאַגיסטראַט, דאָס אַלע

תביעות צו דער אַלטער שטאָט־פאַרוואַלטונג ווערן אָנגענומען נאָר ביזן 15/5. די, וואָס וועלן ביז דעם טאָג ניט צושטעלן זייערע תביעות, פאַרלירן זייער זכות.

דעם 14/5 — אַ מודעה פון שטאָט־קאָמיסאַר י. פילסודסקי און ווילנער בירגערמייסטער וו. אַבראַמאָוויטש, אַז די לעבנסמיטלען, וועלכע מען האָט אַראָפּגעבראַכט פון פוילן, זיינען באַשטימט צו צעטיילן נאָר אויף קאַרטן. די באַקומענע פּראָדוקטן טאָר מען ניט פאַרקויפן און מסחרן דערמיט. די וואָס וועלן עובר זיין דעם רויף, וועלן באַשטראָפט ווערן מיט צוויי טויזנט מאַרק און דריי חדשים טורמע. די פּראָדוקטן וועלן קאָנפיסקירט ווערן.

דעם 14/5 — אַ פעראָרדענונג וועגן ניט טאָרן העכערן דירה־געלט מער ווי מען האָט געצאָלט אין 1914, מיט אַ צוגאָב פון 20%.

דעם 14/5 אַ דעקרעט פון קאָמיסאַר וועגן „פּשעפּוסטקעס" צו פאָרן פון די אָסטגעביטן אין קאָנגרעספּוילן.

דעם 14/5 אַ דעקרעט וועגן באַשטימען דעם ה׳ קאָסאַקאָווסקי אַלס אַ פאָרשטייער אין וואַרשע פון דעם ציווילן גענעראַל־קאָמיסאַר אין די צָסטגעביטן, ה׳ אָסמאָלאָווסקי.

דעם 15/5 אַ באַפעל וועגן אַיינאָרדענען אַ געריכט. נאָך אַ באַפעל וועגן אַיינפירן דעם רוסישן קאָדעקס פון ציווילגעריכט.

דעם 15/5 — אַיינגעפירט אַ פאָרצענזור אויף מודעות און פּלאַקאַטן.

דעם 15/5 — אַ פאַראָרדענונג דאָס מען טאָר ניט העכערן די פרייזן צוליב דעם נייעם געלטקורס און די פרייזן מוזן גערעכנט ווערן פונקט אַ העלפט ווי זיי זיינען אָנגעגעבן געוואָרן פאַר די באָלשעוויקעס, ווייל אַ מאַרק איז 2 רובל קערענקעס. פאַר טאָן כנגד קאָנפיסקירן די סחורות און אַ שטרענגע שטראָף.

דעם 16/5 — די יידישע אַיינוואוינער פון שקאַפּלערנע קענען ז־ריבערגיין דעם אַייזערנעם בריק נאָר מיט אַ דורכגאַנג־שיין וועלכן מען באַקומט אין קאָמענדאַנטור פאַר 5 רובל אַ חודש.

דעם 16/5 — אַ באַקאַנטמאַכונג פון באַפול״מ. פון גענ. קאָמיסאַר יאַמאָנט, דאָס אַזוי ווי ס׳האָט פּאַסירט דאָס שלעכטע עלעמענטן האָבן אויסגענוצט די פוילישע מיליטער־אוניפאָרם, געמאַכט אונטערזוכונגען אין פּריוואַטע הייזער אויספירנדיק דערביי רציחות און גזילות, איז ער מודיע, אַז מאַכן אונטערזוכונגען קענען נאָר די פעלד־זשאַנדאַרן און פּאָליציי און דאָס נאָר אויפן יסוד פון אַ שריפטלעכער ־מעלדונג, וועלכע מוז אויסגעשטעלט ווע־ן אין 2 עקזעמפּלאַרן, פון וועלכער איינע דאַרף אָפּגעגעבן ווערן דער פערזאָן ביי וועמען מען מאַכט די אונטערזוכונג.

דעם 16/5 — אַ מודעה, אַז ס׳פאָדערן זיך תיכף אַרבעטער אויף צו גראָבן ערד אַרום ווילנע פון 18 ביז 45 יאָר. די אַרבעט איז 10 שעה אַ טאָג, דאָס געצאָלט 5 מאַרק אַ טאָג מיט עסן און דירה, אויף די זעלבע יסודות ווי סאָלדאַטן. זונטאָג און חגאות רו.

דעם 16/5 — פאַראָרדענונגען. 1) דער זייגער ווערט גערעכנט לויט דער מיטל־אייראָפּעאישער צייט, דעריבער דאַרפן אַלע אויסרעגולירן זייערע זייגערס נאָך דעם זייגער, וואָס געפינט זיך אויף געאָרגיעווסקי, אָדער אויפן באַן. 2) יעדער מוז טראָגן מיט זיך זיין פּאַס אום צו פאָרצייגן ביי דער פאָדערונג פון דער מאַכט. 3) פאַרבאָטן איבערקלייבן זיך פון איין דירה אין אַ צווייטע אָן אַ ערלויבעניש, דאָסגלייכן טאָר מען ניט אַרויספירן מעבל פון איין דירה אין אַ צווייטע אָן אַ ערלויבעניש. 4) ריין האַלטן די הויפן. מעלדן וועגן קלעפּיקע קראַנקהייטן און וועגן יעדן טויט־צופאַל. 5) מודעות און פּלאַקאַטן מוזן צוגעשטעלט ווערן אין צענזור און פונאַנדערגעקלעפּט ווערן נאָר דורך דער שטאָטישער ביוראָ. 6) אַלע טויערן מוזן זיין געשלאָסן פון 10 אָוונט ביז 5 פאַרטאָג. אַלע פערזאָנען, וואָס קומען אין דער צייט מוזן קאָנטראָלירט ווערן דורך דעם סטראָזש פון הויף.

דעם 20/5 — אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטראַציע פון אַלע פינאַנציעלע אינסטיטוציעס ווי בענק, קאָנטאָרן, אַקצ. געזעלשאַפטן וכדומה, ווי אויך פון אַלע זאַוואָדן און פאַבריקן.

דעם 24/5 — אַ פאַראָרדענונג וועגן עפענען אַ קרייזגעריכט אין ווילנע.

דעם 25/5 — א פאַראָרדענונג וועגן פאַרבאָטן אַלער־אַרט אסיפות און מיטינגען אָן אַ ערלויבעניש וועלכע מוז גענומען ווער: מיט דריי טעג פאָראויס. פאַראיינען, וועלכע האָבן ערלויבטע סטאַטוטן מעגן צוזאַמענרופן זייערע מיטגלידער, אָבער דאָך מוזן זיי וועגן יעדער פאַרזאַמלונג מעלדן מיט 3 טעג פאָרויס.

דעם 25/5 — דער שטאָט־קאָמענדאַנט טופּאַלסקי איז מודיע דער באַפעלקערונג, אַז די שיסערייען פון ביקסן און האַרמאַטן וואָס מען הערט אין דער געגנט פון שטאָט קומט עס פאָר צוליב די איבונגען פון מיליטער און דעריבער איז ניטאָ די מינדסטע סיבה צו באַאומרואיקן זיך.

אַ פאַרבאָט צו טרייבן בראָנפן, ביר און אַנדערע שטאַרקע משקאות.

דעם 28/5 — אַ פאַראָרדענונג וועגן די גרעניצן פון דער שטאָט ווילנע און די שאַפונג פון אַ גרויס־ווילנע, וועלכע האָט דערנאָך געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע ביי דורכפירן די וואַלן אין מאַגיסטראַט, ווייל דורך דאָס אַריינגעמען פון אַ ריי דערפער צו דער שטאָט ווילנע, איז די יידישע מערהייט אין דער פאַקטישער שטאָט ווילנע געבליבן אַ מינדערהייט.

דעם 28/5 — אַ פאַראָרדענונג וועגן באַקעמפן די ספּעקולאַציע: פאַר ספּעקולירן ווערט מען באַשטראָפט מיט 30,000 רובל אָדער 6 מאָנאַטן טורמע, אויך ווערט קאָנפיסקירט די סחורה. ווער ס׳האַלט סחורה ניט צום פאַרקויפן (ד״ה ניט קיין קרעמער) מוזן אין פאַרלויף פון 5 טעג אויפגעבן זייערע סחורה. צי די פרייזן, וועלכע דער קרעמער נעמט, זיינען ניט קיין ספּעקולאַטיווע, ווערט פעסטגעשטעלט דורך די אָרטיקע אַמטן צו באַקעמפן די ספּעקולאַציע.

דעם 28/5 — אַ פאַראָרדענונג וועגן שטעמפּל־שטייער.

דעם 28/5 — אַ פאַראָרדענונג וועגן שטייערן פון פאַרוויילונגען

דעם 28/5 — אַ פאַראָרדענונג וועגן שטייערן פאַר שעכטן בהמות און וועגן שטעמפּלען אַריינגעפירט פלייש.

דעם 28/5 — אַ פאַראָרדענונג וועגן די גערעטענישן פון די פאַרלאָזענע פון זייערע בעלי־בתים מאַיאָנטקעס.

דעם 28/5 — אַ פאַראָרדענונג וועגן די וואַלן צו דעם צייטווייליקן שטאָט־ראַט פון ווילנע מיט אַ רעגולאַמין צו די וואַלן.

דעם 1/6 — אַ פאַראָרדענונג וועגן אַיינפירן אַ ציוויל־פאַרוואַלטונג אין גאַנצן מזרח־געביט, וועלכער באַשטייט פון ווילנער ראַיאָן און גראָדנער. צום ווילנער ראַיאָן געהערן ווילנער, טראָקער, אָשמענער, סווענציאַנער, לידער און נאָוואָגרודקער קרייזן.

דעם 2/6 — אַ פאַראָרדענונג פון קאָמיסאַר פון וויל ער ראַיאָן ה׳ נעדזיאַלקאָווסקי, וועלכע פאַרבאָט אויפקויפן און אַרויספירן פון ווילנע אַלע אַרטיקלען און חפצים, וועלכע האָבן אַ קינסטלערישן אָדער היסטאָרישן ווערט אָן אַ ספּעציעלער ערלויבעניש. פאַר טאָן כנגד ביז צען טויזנט מאַרק שטראָף אָדער דריי חדשים אַרעסט און די חפצים ווערן קאָנפיסקירט.

דעם 6/6 — וועגן אַיינפירן מעלדביכער אום אַיינצומעלדן און אויסמעלדן די אַיינוואוינער.

דעם 8/6 — אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטרירן דעם לעבעדיקן אינווענטאַר, ווי חזירים, בהמות, פערד, שעפּסן א. ד. ג. פאַר טאָן כנגד שטראָף.

דעם 11/6 — אַ פאַראָרדענונג דאָס אַלע אינסטיטוציעס און פּריוואַטע פערזאָנען, וועלכע פאַרנעמען וועלכן ניט איז מלוכה־בנין אָדער אַ טייל פון אים זיינען מחויב צו מעלדן דעריבער

און אַרויסבאַקומען אַ ערלויבעניש אויף צו פאַרנעמען דעמדאָזיקן בנין אויף ווייטער, פאַר טאָן כנגד שטראָף.

אַ באַקאַנטמאַכונג פון גענ. רידז-שמיגלי, אַז דאָס פעלדגעריכט האָט פאַרמשפט אַ באָלשעוויסטישן קאָמיסאַר צום טויט פאַר דערהרגענען אין סוועגציאַן איינציקע סוחרים, אויך דערפאַר, וואָס ער האָט דערשאָסן אָדער געהייסן דערשיסן די פוילישע געפאַנגענע סאָלדאַטן.

דעם 12/6—אַ פאַראָרדענונג וועגן באַגיסן די גאַסן.

דעם 21/6—אַ פאַראָרדענונג און תקנות ווי נוהג צו זיין זיך ביי פאַרלאָזענע גיטער, וועלכע ווערן באַאַרבעט דורך וועמען ס'איז און דערווייל האָט זיך צוריקגעקערט דער אַלטער בעל-הבית.

דעם 22/6—תקנות וועגן האַנדלסשטייערן אויף אומבאַוועגלעכע גיטער. פון שטייער ווערן באַפרייט אַלע היילי קטימער פון אַלע גלויבנס.

דעם 26/6—נייע פאַראָרדנונגען וועגן וואַלן צו דעם שטאָטראַט.

דעם 25/6—אַ פאַראָרדנונג צו נעמען אַלע צעריסענע געלט, פאַר טאָן כנגד שטראָף.

דעם 26/6—אַ פאַראָרדנונג דאָס אַלע אַרטיקלען אין אַ גרעסערן אָדער קלענערן קוואַנטום, וועלכע זיינען געקויפט געוואָרן פון די דייטשע אָדער באָלשעוויסטישע אָקופּאַנטן דורך די איינוואוינער פון ווילנע אָדער ווילנער קרייז, דאַרפן אָנגעמאָלדן ווערן אין משך פון 7 טעג. פאַר טאָן כ גד שטראָף לויטן קריגס-צושטאַנד-געזעץ, אַחוץ עס וועט די כחורה קאָנפיסקירט ווערן.

דעם 29/6—אַ פאַראָרדנונג וועגן צושטעלן דעם מאַגיסטראַט די גאַראַנטיעס פאַר דער שטאָט-הלוואה.

דעם 1/7—אַ באַפעל פון גענעראַל שעפּטיצקי קעגן די רדיפות אויף יידן. 1) אַלע רעקוויזיציעס זיינען פאַרבאָטן. 2) מיליטערישע באַ ערפעניִשן פון מאַטעריעלן כאַראַקטער דאַרפן גענומען ווערן ביי אַלעמען גלייך. אַלע אויסנאַמען ווערן באַטראַכט ווי רויבע ייען. 3) ביי צוציען די יידישע באַפעלקערונג צו אַלגעמיינע פיזישע אַרבעטן דאַרף גענומען ווערן אין באַטראַכט זייער עלטער און שטאַנד, אַלטע און קראַנקע זיינען באַפרייט. 4) פאַר געוואַלדטאַטן וועט מען שטרענג באַשטראָפן. 5) די אויספאָרשונג-אָרגאַנען דאַרפן תיכף אויספאָרשן די ציווילע אַרעסטירטע און באַפרייען די אומשולדיקע. 6) תיכף באַטראַכטן די פאַרפירטע פראָצעסן. 7) אַלע קאָמאַנדירן דאַרפן אויפמערקזאַם מאַכן זייערע סאָלדאַטן, אַז פאַר אַרויסטרעטן קעגן יידן וועט מען שטרענג באַשטראָפן. 8) די קאָמאַנדירן זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר עובר זיין אויף די פונקטן. ווען די אָנקלאָגעס וועלן זיך איבערחזרן וועלן די שולדיקע צוגעצויגן ווערן צום געריכט.

דעם 2/7—אַ באַפעל וועגן איינצאָלן אַלע נאַלאָגן, וועלכע זיינען אָנגעוויזן אין מאַרקן נאָר אין צאַרישע רובלס פאַררעכענענדיק 1 צאַרישן רובל פאַר איין פוילישן מאַרק.

דעם 2/7—אַ אַקציז אויף פּאַפּיראָסן און שוועבעלעך, פאַר טאָן כנגד קאָנפיסקאַציע פון די סחורה און שטראָף ביז 10 . ויזנט מאַרק.

דעם 3/7—אַ פאַראָרדענונג אָנצומעלדן אַלערלײ האַנדלס-אונטערנעמונגען און ווערקשטאַטן. וועגן שאַפן דירות פאַר אָפיצירן און מיליטערלייט.

דעם 10/7—אַ פאַראָרדנונג וועגן אַרויסבאַקומען אַ ערלויבעניש פון דער טעכנישער פאַרוואַלטונג אום צו לאָזן אַ פאַבריק און איינאָרדענען אַ מאַטעריאַל-לאַגער.

דעם 13/7—אַ נייער געלטקורס.

דעם 13/7—אַ באַפעל, דאָס אַלע פערזאָנען וועלכע מען וועט כאַפן אין ראַיאָן פון פראָנט וועלן באַטראַכט ווערן פאַר שפּיאָנען און מען וועט זיי תיכף ומיד דערשיסן, אונטערגעשריבן רידז-שמיגלי.

דעם 15/7 אַ פאַראָרדענונג וועגן אָפּשאַצן די מלחמה-היזקות.

דעם 17/7—אַ פאַראָרדנונג וועגן דער פרעסע, וועלכע אַנטהאַלט 36 פונקטן.

אַ פאַרבאָט אַרויסצופירן פון די אָסטגעביטן לעבנסמיטל און אַרטיקלען פון ערשטן געברויך.

אַ פאַראָרדענונג וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ איינפיר און אויספיר שיין פאַר אַלעראַרט סחורות.

אַ פאַראָרדנונג וועגן גרינדן אין ווילנע אַ אַפּראָוויזאַציע-אָפּטיילונג.

אַ באַפעל וועגן אַקציז-אָפּצאָל פון בראַנפן.

דעם 17/7—אַ באַקאַנטמאַכונג בנוגע די וואַלן אין מאַגיסטראַט: געבן די נייטיקע אינפאָרמאַציעס די פערזאָנען, וועלכע זיינען דעלעגירט אויפצוש עלן די רשימות.

דעם 18/7—אַ באַפעל וועגן אַרויסגעבן קאַזיאָנע האָלץ אויף אָפּצובויען די פאַרברענטע מאַיאָנטקעס אין אַ סכום ניט מער ווי 50 ניין-אַרשיניקע קלעצער.

דעם 25/7—אַ פאַראָרדע ו.ג וועגן פאַרבאָטן אַרויסצופירן פערד און בהמות.

אַ פאַראָרדענונג, וועלכע פאַרבאָט דעם איינקויף פון אַלערליי טאַבאַק און טאַבאַק-בלעטער אָן אַ באַזונדער ערלויבעניש דערויף, ערלויבענישן באַקומען נאָר טאַבאַק- און פּאַפּיראָסן-פאַבריקאַנטן.

אַ באַפעל וועגן רעקוויזירן אַוטאָמאָבילן און אַלץ וואָס ס'איז אָנגעהעריק צו אַוטאָמאָבילן.

דעם 19/7—אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז מען מעג שוין גיין ביז האַלב צוועלף ביינאַכט אויף די גאַסן, אויך מעגן ביז דער צייט זיין אָפן די רעסטאָראַנען, טעאַטערן און אַנדערע עפנטלעכע לאָקאַלן.

תקנות וועגן שטייער פון געשעפטן און אינדוסטריע-אונטערנעמונגען.

דעם 21/7 — אַ מודעה וועגן רעגיסטראַציע און אויספילן אַנקעטע-ליסטעס פון רעסטאָראַנען, קאַפעען, בופעטן, קאָנדיטעריייען, האָטעלן, קיכן, טראַקטירן, טיי-הייזער, בירהאַלעס וכדומה.

תקנות וועגן צייטווייליקן שטייער אויף די דאָזיקע אונטערנעמונגען.

דעם 20/7—אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז מען מעג שוין גיין ביז 12 ביינאַכט.

דעם 22/7—אַ באַקאַנטמאַכונג פון גענ. שעפּטיצקי וועגן איינפירן אַ פאָר-צענזור פאַר צייטונגען. אויף יעדער געדרוקטער זאַך מוז זיין אָנגעגעבן דער אַדרעס פון דרוק און די באַמערקונג, אַז ס'איז ערלויבט פון דער צענזור. פאַר טאָן כנגד פאַרמאַכן די דרוקערייען און די צייטונגען.

דעם 22/7—אַ באַקאַנטמאַכונג, וועלכע איז מודיע, אַז מען האָט פאַרמשפט אַ סאָלדאַט צום טויט פאַר באַפאַלן אַ יידן אויפן וועג און באַרויבן אים. די איבעריקע 2 צו טורמע.

דעם 24/7—אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן אַ אָפּצאָל פאַר אַריינפירן זאַלץ.

דעם 26/7—אַ באַפעל וועגן רעגיסטראַציע פון אַלע געוועזענע צאַרישע סאָלדאַטן און רויטע-אַרמייער. פאַר טאָן כנגד וועט מען אָפּשיקן אין קאָנצענטראַציע-לאַגער.

דעם 27/7—אַ נייער שטייער פון וועלאָסיפעדן, פערד און הינט.

דעם 28/7—אַ באַפעל וועגן פאַרבאָטן צו טרייבן בראַנפן אין געהיימע ברייזלעך, פאַר טאָן כנגד שטראָף ביז דרייסיק טויזנט רובל און זעקס מאָנאַטן טורמע, דערביי ווערן אַלע מכשירים און אַפּאַראַטן קאָנפיסקירט.

דעם 30/7 — אַ פאָרשריפט ווי צו היטן די קאַרטן אויף באַ־קומען פראָדוקטן.

דעם 30/7 — אַ מודעה פון ווילנער קאָמענדאַנט, וועלכער מעלדעט, אַז אַזוי ווי מען האָט אויסגעשאָסן דורך אַ פענסטער אום אַרויסצורופן אומרוען אין שטאָט, וואָרנט ער דער באַ־פעלקערונג און דעם מיליטער ניט לאָזן זיך באַאיינפלוסן דורך ענלעכע פראָוואָקאַציעס, ווייל די גאַסן־אומרוען ברענגען שאָדן דער פוילישער באַפעלקערונג און מיליטער.

אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז עס גרינדעט זיך אַ אָרגאַניזאַציע פאַר וועטערינאַרער הילף, און אַז ס'פאָדערן זיך דאַרום וועטערינאַרע דאָקטוירים.

דעם 31/7 — אַ מודעה, דאָס האַנדלען מיט סאַכאַרין איז ער־לויבט, שיינען אויף אַריינפירן גיבן זיך אַרויס אין קאַנצעלאַריע פון געג. קאָמיס. אין וואַרשע.

דעם 4/8 — אַ פאַראָרדענונג צוצושטעלן אַנקעטע־ליסטן פון אַלע אומבאַוועגלעכע גיטער און אַריינטראָגן פון זיי אַן אָפּצאָל.

דעם 8/8 — אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטרירן אַלע שולן.

דעם 15/8 — אַ באַקאַנטמאַכונג, דאָס די בע"ב פון די הויפן זיינען מחויב צוצושטעלן אונטערשריפטן פון די שכנים, אַז זיי האָבן ערהאַלטן די לעבנסמיטל־קאַרטן. אויך צושטעלן די געלד־ביכער.

דעם 19/8 — אַ פאַראָרדענונג וועגן אַרויסבאַקומען נייע ער־לויבענישן אויף צו האַלטן אַפטייקן. אַלע ערלויבענישן וועלכע זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך פאַרשיידענע אָקופּאַנטן, זייגען ניט גילטיק.

דעם 20/8 — אַ פאַראָרדענונג צו רעקווירירן אַלע וועלאָסי־פּעדן ווי אויך אַלע טיילן צו זיי.

דעם 22/8 — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן אַ טאַקסע אויף לעבנס־מיטל־פּראָדוקטן און אויסשטעלן די פרייזן אין אַ קאָנטיקן אָרט, ווי אויך צושטעלן די פרייזקוראַנטן אין האַנדלס־אָפּטיילונג.

אַ מודעה פון שטאָט־ראַט וועגן פאַרקויפן ביליגע האָלץ.

דעם 25/8 — אַ באַפעל וועגן אויפגעבן אַלע פאַרמעגנס, וועלכע זיינען פאַרבליבן אין ציווילע הענט פון דער ריסישער רעגירונג אָדער די פאַרשיידענע אָקופּאַנטן.

דעם 29/8 — אַ באַקאַנטמאַכונג, דאָס ביז וואַנען ס'וועלן פאַרעפנטלעכט ווערן נייע תקנות וועגן אַרבעט און האַנדל זיינען גילטיק אַלע רוסישע געזעצן.

דעם 2/9 — באַקאַנטמאַכונגען. 1) וועגן ערלויבענישן אויף אַרויסצוגעבן אַ צייטונג. 2) וועגן רעגיסטרירן ביים אַרבעטער־אינספּעקטאָר אַלע אָנגעשטעלטע און אַרבעטער.

דעם 4/9 — אַ באַקאַנטמאַכונג דאָס אין דעם טאָג פון די ווילנער שטאָט וואַלן ד"ה דעם 7/9 ווערט פאַרבאָטן צו פאַרקויפן אַלעראַרט משקאות.

דעם 11/9 — אַ באַפעל וועגן פרייען האַנדל אין די אינער־לעכע געגנטן פון די מזרח־געביטן: די אַלע באַגרענצונגען זיינען אָפּגעשאַפט, אַלע אַרויספיר און איינפיר שטייערן בטל, שיינען דאַרף מען נאָר אויף אַרויספירן תבואה־פּראָדוקטן דורך באַן, פער פור מעג מען, אויף אַריינפירן און אַרויספירן מחוץ די מזרח־גע־ביטן מוז מען האָבן אַ שיין.

דעם 29/9 — אַ באַפעל וועגן האַלטן אין אָרדענונג די טראָ־טואַרן.

דעם 22/10 — אַ באַפעל דאָס די רעקוויזיציע פון די פורן טאָר ניט פאָרקומען אָן אַ בקשה צו דער ציווילער מאַכט.

דעם 24/10 — אַ באַפעל וועגן רעגיסטראַציע פון אַלע שיפלעך און דאַמפּערס, וועלכע עס געפינען זיך אויף דער ווילִיע.

דעם 7/11 — אַ באַפעל, וועלכער פאַרבאָט די שניידער אי־



בערצונייען פון די מיליטערישע קאָלדרעס מלבושים. פאַר טאָן כנגד שטראָף.

דעם 22/11 — איז לויט אַ באַפעל באַשטימט געוואָרן פאַרן ציוויל־קאָמיסאַר פון ווילנע ה' פּיוואָצקי.

דעם 26/11 — אַ מודעה אַזוי ווי אַלע טאָג וועט מען 12 אַ זייגער געבן אַ אַרטילערישן שאָס צו רעגולירן די צייט, זאָל דאָס ניט אַרויסרופן קיין באַאומרואיקונג ביי דער באַפעלקערונג.

דעם 7/12 — אַ באַפעל פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג: 1) פירן אין אָרדענונג די מעלדונגס־ביכער, 2) האַלטן פאַרשלאָסן די טויערן פון 12 ביז 5 פאַרטאָג, 3) די טרעפּ מוז זיין באַלויכטן ביז 11 אַ זייגער ביינאַכט, 4) האַלטן ריין די טראָטואַרן, רינשטאָקן און די גאַסן, 5) די לעבנסמיטל־געשעפטן מוזן געהאַלטן ווערן אין ריינקייט, 6) די רעסטאָראַנען מוזן געשלאָסן ווערן 11 אַ זייגער ביינאַכט, 7) די פאָרשטעלונגען אין די טעאַטערס וכדומה מוזן זיך ענדיקן 11 אַזייגער אָוונט.

דעם 11/12 — האָט דער שטאָט־קאָמיסאַר אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז פון 15/11 מוזן אַלע געשעפטן געשלאָסן ווערן 7 אַ זייגער אָוונט, דערין אויך אַלע קליינע קרעמלעך.

דעם 22/12 — אַ באַפעל אָנצונעמען אין אַלע אַנשטאַלטן און געשעפטן די רוסישע פּאַפּירענע האַלבע רובלס אין אַ סכום פון 10% פון יעדער צאָלונג, אָבער אַלנפאַלס ניט העכער פאַר 25 רובל.

## 1920.

דעם 11/1 — אַ מודעה פון דער פּאָסט־דירעקציע וועגן צו־ריקשטעלן דעם פּריוואַטן טעלעפאָנישן פאַרקער מיט מינסק.

דעם 13/2 — אַ מודעה פון דער ווילנער באַן־דירעקציע וועגן עפענען דעם באַן־פאַרקער ווילנע—דווינסק.

דעם 18/2 — אַ פאַראָרדענונג וועגן אויסהאַקן דאָס אייז פון די גאַסן.

דעם 17/3 — אַ מודעה וועגן נעמען אָנטייל אין פייערן דעם געבורטסטאָג פון מלוכה־שעף יוזעף פּילסודסקי.

דעם 19/3 — וועגן שטייער פון מלוכה־בנינים, וועלכע זיינען פאַרנומען פון דער ציווילער פאַרוואַלטונג.

דעם 19/3 — אַ באַפעל, אַז אַלע ענינים פון רעקוויזיציעס ליגט אין דער קאָמפּעטענץ בלויז פון דער ציווילער מאַכט און די מיליטערישע אָרגאַנען מוזן זיך וועגן דעם ווענדן צו דער ציווי־לער מאַכט.

דעם 25/3 — אַ באַפעל וועגן אַרויסשטעלן פּרייזן אויף אַרטיק־לען אין דער פוילישער שפּראַך און אין פוילישע מאַרקן. פאַר נעמען איבער די אָנגעצייכנטע פּרייזן שטראָף ביז 30 טויזנט מאַרק. — אַ באַפעל, אַז ביז דעם 1/4 מוזן אַלע ווילנער גאַסן און הויפן אָפּגערייניקט ווערן פון אייז און בלאָטע און אַלע טאָג מוזן זיי געראַמט ווערן דורך די הויזוועכטער.

דעם 28/3 — אַ פאַראָרדענונג וועגן באַגראָבן נבלות.

דעם 29/3 — אַ באַפעל, אַז אויך אַלע פאָטאָגראַפישע אַנ־שטאַלטן מוזן געשלאָסן ווערן 7 אָוונט.

דעם 1/4 — אַ פאַראָרדענונג, אַז אין דער נאַכט פון 3/4 און פון 10/4 מעג מען גיין אַ גאַנצע נאַכט אָן שיינען. — אַ צירקולאַר, אַז ביים צאָלן געהאַלט זאָלן אַלע באַאַמטע באַקומען 10% אין קליינגעלט (נידעריקער ווי 100 מאַרק) אין פּויל שע מאַרקן, אין פאַל ווען ס'וועלן אויספעלן מאַרקן — זאָל מען געבן צאַרישע רובלס. — אַ פאַראָרדענונג, אַז כדי צו פאַרהיטן פון פאַרשפּרייטן עפּידעמישע קראַנקהייטן, וועלן בילעטן צו פאָרן אויף וואַרשעווער ריכטונג, אָנהייבנדיק פון 10/4, פאַרקויפט ווערן נאָר קעגן אַ שיין

פון אַ דאָקטאָר, וואָס איז דערצו באַפולמעכטיקט; די שיינען זיינען נאָר איינמאָליקע און גילטיק אויף דריי טעג.

דעם $^{8}/_{4}$—אַ באַפעל פון מאָביליזירונג אַלע דאָקטוירים צום סאַניטאַרן־דינסט.—אַ באַפעל צו אַלע אַפּטייקער און אַפּטייק־געשעפטן, אַז ביים באַקומען אַ ערלויבעניש אויף אַרויסצופירן מעדיקאַמענטן פון ווילנע, וועט מען מוזן יעדן מאָל צושטעלן אַ שיין פון קרייז־דאָקטאָר וועגן דער נויטווענדיקייט איינצוקויפן מעדיקאַמענטן פאַר דער אָנגעגעבענער אַפּטייק אָדער דראָגנגעשעפט.

דעם $^{14}/_{4}$—אַיינגעפירט אַ שטייער אויף וועלאָסיפּעדן.

דעם $^{16}/_{4}$—אַ פאַראָרדענונג צו רעמאָנטירן די טראָטואַרן.

דעם $^{17}/_{4}$—באַגרעניצט דעם באַן־פאַרקער פון $^{17}/_{4}$ ביזן $^{28}/_{4}$.

— אַ מודעה, אַז אין דער נאַכט פון $^{18}/_{4}$ (דאָס הייסט אין טאָג פון דער פייערונג פון דער באַפרייאונג פון ווילנע) דאַרף מען ניט קיין נאַכט־שיינען. אין דער צייט פון $^{20}/_{4}$ ביז $^{31}/_{8}$ איז פאַרבאָטן צו גיין אָן נאַכט־שיינען נאָר פון 1 ביז 3 פאַרטאָג.

דעם $^{21}/_{4}$ — וועגן רעגיסטראַציע פון אַלע אַקושערינס קעגן אַ שטראָף פון 3 טויזנט מאַרק אָדער 6 חדשים תּפיסה. — וועגן רעגיסטראַציע פון אַלע אַפּטייקן און דראָגן־געשעפטן; פאַרקויפן אַפּטייק־סחורות איז פאַרבאָטן אָן אַ ערלויבעניש פון סאַניטאַרן אינספּעקטאָר.

דעם $^{25}/_{4}$—אַ פאַרבאָט צו פאָרן אויף וועלאָסיפּעדן אין די סקווערן וועלכע זיינען באַשטימט צום שפּאַצירן פאַרן פּובליקום. דער פאַרבאָט איז אויך חל אויף פערד־רייטער און מאָטאָציקלעטן.

דעם $^{14}/_{5}$ — אַ פאַראָרדענונג, אַז דער גענעראַל־קאָמיסאַר פאַר די מזרח־קאַנטן האָט דאָס רעכט אָפּצונעמען דעם מאַנדאַט ביי אַ מיטגליד פון שטאָטראַט, אָדער דעם שטאָטראַט פונאַנדערלאָזן.

דעם $^{27}/_{5}$—אַ באַפעל פון קאָמאַנדיר פון דער ערשער אַרמיי גענעראַל זיגאָרלאָוויץ, אַז פאַר פאַרברעכן קעגן דער פּוילישער אַרמיי וועט מען משפּטן דורכן קריגס־געריכט, דהיינו: 1) פאַר באַשעדיקן די וועגן, בריקן, באַנען, טעלעגראַפן, טעלעפאָנען, מיליטער־וואַרשטאַטן, א. אַ. וו; 2) פאַר שטרייקן אין געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן ווי עלעקטרישע סטאַנציעס, גאַז־פאַבריקן און וואַסערלייטונג; 3) פאַר אַגיטאַציע צווישן מיליטער; 4) פאַר שפּיאָנאַזש און קאָנטאַקט מיטן שונא; 5) פאַר פאַרשפּרייטן פאַלשע ידיעות וועגן די מיליטערישע אָפּעראַציעס; 6) פאַר פאַרשפּרייטן ידיעות וועגן דער באַוועגונג פון מיליטער.

דעם $^{7}/_{6}$ — אַ מודעה, אַז די וועלכע וועלן ניט אַריינטראָגן דעם האַנדלס־שטייער ביזן $^{20}/_{6}$, וועלן אים מוזן באַצאָלן מיט אַ הוספה פון 50%.

דעם $^{9}/_{6}$—אַ מודעה, אַז אין קאַמף קעגן די אָפטע גנבות, רציחות און רויבערייען איז אַ חוב אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג מיטצוהעלפן דער מאַכט אויסצוזוכן די שולדיקע, אָנווייזנדיק אַלע סימנים און פּרטים פון די געשעענישן. ביי יעדן פאָרפאַל זיינען די שכנים מחויב צו געבן וויסן תּיכּף דער מאַכט. פון זיין זייט האָט דער שעף פון ווילנער קרייז אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אָנצונעמען אַלע מיטלען צו פאַרזיכערן די רו און אייגנטום פון דער באַפעלקערונג.—אַ מודעה פון שול־אינספּעקטאָר, אַז אַלע אַרויסגעגעבענע ערלויבענישן אויף מיטלשולן ווערן בטל און אַלע אַזעלכע שולן מוזן אַרויסבאַקומען נייע קאָנצעסיעס.

דעם $^{12}/_{6}$—אַ מודעה פון דער ווילנער אייזנבאַן־דירעקציע, אַז היינט גייט אָפּ אַ עקסטרער צוג פון ווילנע דורך לידע־באַראַנאָוויטש קיין מינסק מיט וועלכן ס'וועלן קאָנען פאָרן פּאַסאַזשירן פון I און II קלאַס.

דעם $^{13}/_{6}$—אַ מאָביליזאַציע פון אַלע פעלדשערס אין שטאָט ביז 50 יאָר.

דעם $^{15}/_{6}$—אַ מודעה, אַז אַלע סוחרים און בעלי־מלאכות זיינען מחויב צו באַקומען נייע ערלויבענישן אויף אויסצואַרבעטן,





רעפערירן און פאַרקויפן אַלערליי וואָגן און מאָסן.— אַ מודעה, אַז אַלע שולן זיינען מחויב צוצושטעלן זייערע פּראָגראַמען און תּקנות צום שול־אינספּעקטאָר.

דעם $^{16}/_{6}$ — אַ פאַראָרדענונג, אַז פאַר עובר זיין אויף די תּקנות וועגן בייטן געלט וועט מען באַשטראָפט ווערן מיט קנס פון טויזנט ביז 30 טויזנט מאַרק אָדער אַ יאָר אַרעסט.

דעם $^{27}/_{6}$ - אַ פאַראָרדענונג דער ליטווישער גימנאַזיע אין ווילנע, אין וועלכער ס'לערנען דורכאויס יידישע קינדער און אויף רוסיש, איבערצוגיין אויף אַן אַנדער אונטערריכטשפּראַך.

דעם $^{7}/_{7}$—אַ אָבליגאַטאָרישע פאַראָרדענונג: 1) די קאָמאַנדע איבערן ווילנער גאַרניזאָן נעמט איבער דער גענעראַל־אונטערלייטענאַנט באָרושטשאַק. 2) דער גאַסן־פאַרקער איז ערלויבט פון 4 פרי ביז 10 ביינאַכט, אין דער איבעריקער צייט מוזן זיך אַלע געפינען אין זייערע וואוינונגען, אָן אַ ספּעציעלן נאַכטשיין מיט אַ פאָטאָגראַפישן בילד טאָר מען אויף דער גאַס ניט גיין. פערזאָנען, וואָס קומען מיט דער באַן, דאַרפן זיך באַזאָרגן מיט אַ איינמאָליקן שיין פון וואָקזאַל־קאָמענדאַנט, די, וואָס פאָרן אַרויס פון ווילנע, דאַרפן זיך באַזאָרגן מיט אַ איינמאָליקן שיין. 3) די טויערן דאַרפן זיין געשלאָסן ביז 6 פרי קעגן דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט ניט נאָר פון די הויז־וועכטער, נאָר אויך פון די הויזבאַזיצער און הויז־פאַרוואַלטערס. 4) אַלע רעסטאָראַציעס און עפנטלעכע פאַרווייַלונגס־הייזער ווערן געשלאָסן האַלב 10 אָוונט; דער פאַרקויף פון שטאַרקע משקאות ווערט דאָרט פאַרווערט. 5) די געשעפטן דאַרפן זיין אָפן פון 8 פרי ביז 7 אָוונט. 6) אַלע איינוואוינער פון 14 יאָר אָן דאַרפן באַזיצן פּעסער און האַלטן עס ביי זיך, כּדי צו ווייזן דער מאַכט. 7) אַלערליי פאַרזאַמלונגען זיינען ערלויבט נאָר מיט אַ אָנמעלדונג פון 48 שעה פריער און דורך אַ ספּעציעלער ערלויבעניש. 8) צוזאַמענקלייבן זיך מער ווי 3 פערזאָנען איז פאַרבאָטן. פאַר טאָן כּנגד ווערט מען באַשטראָפט ביז 40 טויזנט מאַרק און מיט תּורמע. גלייכצייטיק ווערט געמאָלדן, אַז אַלע פאַרברעכנס קעגן דער פּוילישער באַוואָפנטער מאַכט ווערן געמשפּט דורך אַ מיליטערישן געריכט ביז טויט־שטראָף איינגערעכנט.

דעם $^{11}/_{7}$—אַ פאַראָרדענונג וועגן שאַפן אין ווילנע, צוליבן קריגס־צושטאַנד, עקסטראָרדינאַרע קריגסגעריכטן פאַר פערזאָנען פון 17 יאָר אָן, די שולדיקע וועלן באַשטראָפט ווערן מיט טויט דורך שיסן.—אַן אויפרוף פון שטאָט־פּרעזידענט נעמען זיך צום געווער צו פאַרטיידיקן ווילנע.—אַן אויפרוף פון די פּ. פּ. ס. אין ווילנע שטעלן זיך אין די רייען פון דער פּוילישער אַרמיי צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד קעגן די באָלשעוויקעס.

דעם $^{12}/_{7}$ — אַיינגעפירט באַלאַגערונגס־צושטאַנד אין ווילנע; די גאַנצע מאַכט גייט אַריבער צו דער מיליטער־פאַרוואַלטונג; גיין אויף די גאַסן איז ערלויבט נאָר פון 6 פרי ביז 9 אָוונט. פאַר ניט וועלן אָננעמען ביים פאַרקויף פון סחורה פּויליש געלט ווערט מען באַשטראָפט מיט תּורמע און קנס ביז 40 טויזנט מאַרק. די זעלבע שטראָף קומט פאַר האַלטן פאַרמאַכט די קראָמען אין די וואָכעדיקע טעג.—פּאָלקאָווניק טופּאַלסקי באַקומט אַ ערלויבעניש צו שאַפן פרייוויליקע אָפּטיילונגען און ווערט באַשטימט אַלס זייער אָנפירער.—אַ באַפעל צו עוואַקואירן, מחמת דער ערנסטער לאַגע אויפן פראָנט, אַלע ציווילע רעגירונגס־אַנשטאַלטן

## די צווייטע באָלשעוויסטישע הערשאַפט.

דעם $^{15}/_{7}$—אַ באַפעל וועגן באַשטימען אַ באָלשעוויסטישן שעף פון דער מיליציע מיט צוויי געהילפן, צווישן זיי איין ייד, און אַ פאַרוואַלטער פון דער דירות־אָפּטיילונג.

אַ באַפעל פון שטאָט־קאָמענדאַנט, אַז מאַכן רעקוויזיציעס,

קאָנפיסקאַציעס, רעוויזיעס און רעגיסטראַציעס פון פאַרמעגן געהערט נאָר צו אים און צו די קאָמפּעטענטע סאָוועטישע אָרגאַניזאַציעס, אָבער ניט צו קיין יחידים. אויטאָמאָבילן, מאָטאָציקלעטן, וועלאָסיפּעדן וכדומה מוזן פאַררעגיסטרירט ווערן אין משך פון 2 טעג; מען מוז אָפּגעבן אַלע מינים געווער. פאַר טאָן כנגד ווערט מען צוגעצויגן צום רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל.

דעם 18/7 — אַ באַפעל, וועלכער ערקלערט ווילנע אין באַלאַגערונגס-צושטאַנד. עס ווערט פאַרווערט צו שאַפן אַ וועלכע עס איז נירגערלעכע מאַכט אָן דער ערלויבעניש פון דער מיליטערישער מאַכט. עס ווערט פאַרבאָטן אַרויסצוגעבן צייטונגען אָן דער ערלויבעניש פון רעווקאָם; רעגיסטראַציע פון אַלע דרוקערייען ווי אויך דעם סכום פּאַפּיר, וואָס זיי פאַרמאָגן. פאַרווערט צו גיין פון 1 ביינאַכט ביז 6 פאַרטאָג. עס ווערט איינגעפירט די צייט לויטן זייגער פון ראַטנרוסלאַנד. — רוסיש געלט מוז אָנגענומען ווערן לויטן קורס: אַ פּוילישער מאַרק 50 קאָפּ. סאָוועטישע. אַלע פּוילישע מיליטער-צוגעהעריקע מוזן זיך מעלדן, מיטברענגענדיק זייערע זאַכן און געווער; די ניט-געמעלדענע וועלן באַטראַכט ווערן אַלס שפּיאָנען. שטראָף אויך פאַר די, וועלכע וועלן זיי באַהאַלטן. אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן גרינדן אַ סאָוועטישע מיליציע.

דעם 19/7 — אַ פאַראָרדענונג פון ליטווישן קאָמענדאַנט, אַז אויפן סמך פון ליטוויש-רוסישן אָפּמאַך געהערט די גאַנצע מאַכט אויסשליסלעך צו דער ליטווישער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, וועלכע האָט אים באַשטימט אַלס מיליטערישער קאָמענדאַנט פון ווילנע און קרייז.

דעם 20/7 — אַן אויפרוף פון קריגס-רעווקאָם, אַז ער האָט איבערגענומען די העכסטע מאַכט אין ווילנע און אין גאַנץ ווילנער קרייז. — אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטראַציע פון אַלע לערנאַנשטאַלטן.

דעם 20/7 — אַ באַפעל צו אַרעסטירן אַלע פּריצים, וועלכע זיינען פאַרבליבן אין זייערע מאַיאָנטקעס, אָדער באַהאַלטן זיך וואו ניט איז. — אַ באַפעל וועגן איינפירן אַ 8-שעה-דיקן אַרבעטסטאָג, פאַר איבערשעהן ווערט געצאָלט 1½ מאָל אַזוי פיל, מינדעריעריקע ביז 18 יאָר אַרבעטן נאָר 6 שעה, אָן איבערשעהן; אין די סאָוועטישע אַנשטאַלטן ווערט געאַרבעט ניט ווייניקער ווי 7 שעה.

אַ באַפעל וועגן רעוויזיע פון אַלע מינים פּאַפּיר; קיינער האָט קיין רעכט ניט צו נוצן פּאַפּיר צום דרוקן; אויך די צייטונגען מוזן האָבן דערויף אַ ערלויבעניש. פאַר האַנדלען און באַהאַלטן פּאַפּיר ווערט מען איבערגעגעבן צום משפּט פון רעווקאָם. אַ באַפעל וועגן רעגיסטראַציע פון לעדער און אַ פאַרבאָט צו האַנדלען דערמיט. אַ באַפעל וועגן רעגיסטראַציע פון אַלע פייערשראַנקען.

דעם 22/7 — אַ באַפעל וועגן גרינדן אַרבעטער-קאָמיטעטן, וועלכע נעמען איבער אַלע אונטערנעמונגען און זיינען מחויב אָפּצוהיטן אין אָרדענונג אַלע איינריכטונגען און אַרבעטס-מכשירים, ווי אויך צו רעגיסטרירן דעם גאַנצן אייגנטום פון די אונטערנעמונגען, סקלאַדן און קראָמען. — אַ מודעה, אַז אַלע לערנאַנשטאַלטן זיינען מחויב צוצושטעלן אַ רשימה, אין וואָסערע מעבל זיי נייטיקן זיך. — אַ פאַראָרדענונג וועגן אָפּגעבן צוריק אַלע גענומענע ביכער פון דער אָפּיצירן-פאַרזאַמלונג. — אַ פאַראָרדענונג, אַז מען טאָר ניט העכערן קיין דירה-געלט, ווי אויך די פּרייזן אין די האָטעלן.

דעם 25/7 — אַ באַפעל וועגן גרינדן אַרבעטער-קאָמיטעטן פון די דאָרפישע פּויערים און איבערנעמען די אַרבעט אין די פּריצישע מאַיאָנטקעס און אויף די נחלאות פון די פּריוואַטע בעלי-בתים. ווען די פּויערים וועלן ניט וועלן, גייט די ערד איבער צום רעווקאָם, וועלכער גרינדעט דאָרף-קאָמונעס.

דעם 28/7 — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן מאַקסימאַלע פּרייזן פאַר פּויערשע פּורן. — אַ מודעה וועגן רעגיסטראַציע פון אַלערליי וויינען און משקאות.

דעם 29/7 — אַ מודעה פון ווילנער סוחרים, קהילה, „יעקאָפּאָ" און ראַבינאַט אָנצונעמען אַלע צאַר סענע געלט; אַ רעגיסטראַציע פון אַלע פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן; אַ מאָביליזאַציע פון אַלע דאָקטוירים.

דעם 30/7 — אַ באַפעל וועגן רעגיסטראַציע פון גראַוויאָרן, פאַרבאָטן צו מאַכן שטעמפּלען אָן אַ ערלויבעניש. — אַ באַפעל פון קריגס-רעווקאָם וועגן פאַרהאַלטן אַלע פּעקל-טרעגער, קאָנפיסקירן זייערע סחורה און באַשטראָפן זיי אַלס ספּעקולאַנטן און קאָנטררעוואָלוציאָנערן.

דעם 1/8 — אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן די סאָוועטישע פּאָסט-קאָמוניקאַציע מיט גאַנץ רוסלאַנד און אוקראַינע.

די ליטווישע פּאָסט איז מודיע, אַז דער ליטווישער קאָמענדאַנט נעמט צו בריוו אויף ליטע און אויסלאַנד.

דעם 1/8 — ערשינען דער ערשטער נומער פון דער קאָמוניסטישער צייטונג אין דער יידישער שפּראַך „די רויטע פאָן".

אַ באַפעל קעגן די ספּעקולאַנטן, וואָס נעמען ניט קיין סאָוועטישע אָדער צאַריסענע געלט, מיט אַ לעצטער התראה, אַז די שולדיקע וועט מען באַשטראָפן מיט דער העכסטער שטראָף ביז שיסן.

אַ מעלדונג, אַז פון ערשטן נעמט מען אָן אויף ווילנער פּאָסט רעקאָמענדירטע בריוו.

דעם 2/8 — אַ באַפעל פון רעווקאָם צו פאַרמאַכן די איינציקע יידישע ניט-קאָמוניסטישע צייטונג „טאָג" אַלס בורזשואַזע. — אַ אָנפראַגע פון דער אָפּטיילונג פון פאָלקס-בילדונג צו אַלע אירע אַנשטאַלטן, צי ווערט געגעבן די קינדער מעדיצינישע הילף און וויפיל מאָל אין וואָך באַזוכט דער דאָקטאָר די אַנשטאַלט?

דעם 3/8 — אַ פאַרבאָט צו רעקווירירן דירות פון לערנאַנשטאַלטן פאַר מיליטערישע און סאָוועטישע אַנשטאַלטן. — אַ באַפעל וועגן רעגיסטראַציע פון אַלע קאָמוניסטישע קרייזלעך.

דעם 5/8 — אַ פאַראָרדענונג פון דער אָפּטיילונג פאַר פאָלקסבילדונג וועגן רעגיסטרירן אין משך פון 3 טעג אַלע שולן, קורסן, פאָלקסאוניווערסיטעטן. — אַ באַפעל וועגן עפענען אין משך פון דער וואָך 30 קיכן, פאַר 30,000 פּערזאָן (20 אין די אַרבעטער-ראַיאָנען און 10 אין די איבעריקע טיילן פון שטאָט) און 10 אָפענע קיכן פון איין געריכט פאַר דעם אָרימער באַפעלקערונג; גלייכצייטיק ווערן געעפנט 5 קיכן פאַר קינדער פון 3 ביז 16 יאָר; פאַר די קיכן זאָלן אויסגענוצט ווערן אַלע אַנשטאַלטן, וואו עס האָבן זיך פריער געפונען רעסטאָראַנען, קיכן א. א. וו. רעכט צו באַקומען מיטאָגן האָבן חברים פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען; די מיטאָג-עסער ווערן צוגעבונדן צו די קיכן, באַצאָלנדיק פאַר 10 טעג פאָראויס; אין אָוונט וועט אין די קיכן געגעבן ווערן טיי מיט צוקער, וואָס קען אויך פאַרביטן ווערן מיט ערזאַץ.

דעם 6/8 — אַ מאַניפעסט צום אַרבעטנדיקן פאָלק פון די שטעט און דערפער אין פּוילן פון דעם צייטווייליקן רעוו. קאָמיטעט פאַר פּוילן: פאָרזיצער יוליאַן מאַרכלעווסקי, מיטגלידער — פעליקס דזשערזשינסקי, פעליקס קאָן, עדוואַרד פּרוכניאַק, יוזעף אונשליכט.

דעם 6/8 — אַ באַקאַנטמאַכונג פון דער ווילנער שטאָטישער סאָוועטישער מיליציע ווי אַזוי צו באַקומען אַ צייטווייליקן פּאַס.

דעם 7/8 — אַ באַפעל, אַז אַלע, וואָס האָבן ביכער און דאָקומענטן, וועלכע האָבן אַ שייכות צו פּאָסט און טעלעגראַף, מוז דאָס צושטעלן אין ווילנער טעלעג אַפּ-קאָנטאָר. — אַ באַפעל פון ווילנער קריגסרעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט, אַז אַלע פּערזאָנען, וואָס זיינען געווען אָנגעשטעלט פאַראַיאָרן ביי דער ראַטנמאַכט און ביי זיי איז געבליבן געלט, מוזן צושטעלן די חשבונות מיט דעם איבערגעבליבענעם געלט. — אַ באַפעל ווט. 14 פון ווילנער קריגס-רעוו. קאָמיטעט צו האַלטן ריין די הויפן, די מערק א. א. וו.

— אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז צו באַקומען אַרויספאָר=שיינען מוז מען אָנגעבן אַ מעלדונג צושטעלנדיק אַ פאָטאָגראַפישע קאַרטע, ווי אויך אַ מיטגלידסקאַרטע פון אַ פּראָפ. פאַראיין אָדער אַ סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

דעם 9/8 — אַ באַפעל אַז די באַזיצער פון די מילן, וואָס געפינען זיך אין ווילנע, זיינען מחויב אין משך פון דריי טעג זיך צו פאַררעגיסטרירן, אונטער דער התראה פון קאָנפיסקירן דעם פאַרמעגן און אַ שטרענגער שטראָף.

דעם 10/8 — אַ באַפעל: צוליב דעם, וואָס די קריגס=קאָמאַנדע האָט אָנגענומען אַ באַשלוס צו עוואַקואירן די שטאָט ווילנע צום 1/9 ד. י., וועלן די פראַגן פון עקאָנאָמישן לעבן אין דער שטאָט ווילנע אין משך ביזן 1/9 רעגולירט ווערן אויף פאָלגנדיקע יסודות: 1) אַלע רויע מאַטעריאַלן און פאַרטיקע פּראָדוקטן, וועלכע געפינען זיך אין די פאַבריקן, געשעפטן און זיינען אָנגענומען צו רעגיסטראַציע דורך די געהעריקע אָרגאַנען פון דער סאָוועטישער מאַכט, זיינען דאָס פאַרמעגן פון דער ר. ס. פ. ס. ר. און קענען איבערגעגעבן ווערן אין באַזיץ אָדער צום באַנוצן זיך אַנדערע אָרגאַנען נאָר לויט אַ דירעקטער פאַראָרדענונג פון דעם אָרגאַן, אין וועמעס רעגיסטראַציע די דאָזיקע סחורות, אָדער פּראָדוקטן געפינען זיך; 2) די פאַבריקאַציע אויף די פאַבריקן און זאַוואָדן ווערט געפירט דורך זייערע אייגנטימער אונטער דער קאָנטראָלע פון די פאַבריק=קאָמיטעטן, אַחוץ די באַזונדערע אונטערנעמונגען, וועלכע בלייבן אין רשות פון אינכפּעקטאָר פאַר פּראָדוקציע, אָדער זיי זיינען קריגס=טראָפייען, ווייל זייערע אייגנטימער זיינען אַוועקגעגאַנגען מיט די ווייסע פּאָליאַקן; 3) אום צו פאַרזיכערן די אומאויפהערלעכקייט פון דער אַרבעט אין די אונטערנעמונגען און דאָס באַקומען פאַר די אַרבעטער דעם אַרבעטס=לוין, וואָס קומט זיי פון 8/8 ביזן 1/9, גיבן אַרויס די אָרגאַנען, וואָס האָבן גענומען אויף רעגיסטראַציע די רויע מאַטעריאַלן און פאַרטיקע פּראָדוקטן, מיט דער ערלויבעניש פון דער קריגס=מאַכט דעם נייטיקן סכום רוי=מאַטעריאַל און פּראָדוקטן אין רשות פון די פאַבריק=קאָמיטעטן בכדי צו שאַפן דעם נייטיקן אומזאַץ=קאַפּיטאַל; 4) דער לוין ווערט רעגולירט דורך די פאַבריק=קאָמיטעטן, פּראָפ. פאַראייגען און אַרבעטס=אָפּטיילונג אין רעווקאָם; 5) די פראַגן פון אַרבעטס=לוין אין די אונטערנעמונגען וואָס זיינען גענומען געוואָרן צו רעגיסטראַציע ביזן 7/8, ווערן רעגולירט דורך דעם ראַט פון פאָלקסווירטשאַפט; 6) דאָס פאַרמעגן פון פּריוואַטע פּערזאָנען און אַנשטאַלטן, וואָס איז ניט רעגיסטרירט געוואָרן, געפינט זיך אונטער דער שמירה פון דער סאָוועטישער מאַכט; 7) יעדער אַטענטאַט אויף דעם פאַרמעגן מצד איינצלנע פּערזאָנען און אַנשטאַלטן, וועלכע זיינען ניט באַזאָרגט מיט פולמאַכטן פון דעם געהעריקן מאַכט=אָרגאַן, דאָסגלייכן אויסבאַהאַלטן סחורה פון רעגיסטראַציע און טאָן כנגד דעם באַפעל וועט באַשטראָפט ווערן מיט דער גאַנצער שטרענגקייט פון די געזעצן פון קריגסצייט.

פאָרזיצער פון רעווקאָם מוקלעוויטש.

פאָרזיצער פון פאָלקווירטאַט („סאָוונאַרכאָז”) — ראַפעס.

דעם 10/8 אַ באַפעל פון ווילנער כפּעציעלער אָפּטיילונג: אַזוי ווי די לעצטע צייט ווערן געמאַכט אומגעזעצלעכע רעוויזיעס און רעקוויזיציעס, דעריבער ווערט געמאָלדן, אַז אָרדערס אויף רעוויזיעס און אַרעסטן ווערן אַרויסגעגעבן נאָר פון ווילנער כפּעציעלער אָפּטיילונג; פון רעוו. קריגס=טריבונאַל, פון דער פערטער אַרמיי, פון דער שטאָטישער מיליציע; קעגן די פּערזאָנען וואָס ווערן באַשולדיקט אין ניט געזעצלעכע רעוויזיעס און אַרעסטן, וועט אָנגעווענדעט ווערן די העכסטע שטראָף פון דערשיסן; אַלע בירגער דאַרפן וועגן אומגעזעצלעכקייטן מעלדן דער ספּעציעלער אָפּטיילונג. — שעף פון דער אָפּטיילונג מעדוועד.

דעם 10/8 — אַ באַפעל, אַז אַלע פאָסט=באַאַמטע מוזן זיך אין משך פון 2 טעג מעלדן.

דעם 11/8 — אַ באַפעל פון דער „אויסעראָרדנטלעכער עוואַקואַציאָנעלער קאָמיסיע צו עוואַקואירן די שטאָט ווילנע”: אַלע אַנשטאַלטן זיינען מחויב אָנצומעלדן וויפיל פעק און משאות זיי דאַרפן אַרויספירן, וויפיל מענטשן אָנגעשטעלטע זיי דאַרפן עוואַקואירן, וויפיל פורן און טראַנספּאָרט=מיטלען פאָדערט זיך דערצו און וויפיל וואַגאָנעס.

דעם 12/8 — אַ באַפעל וועגן אַ נייעם טאַריף פאַר אַלע ראַטן=אָנגעשטעלטע. — אַ פאַרבאָט אַרויסצופירן מעבל פון ווילנע אָן אַ באַזונדערער ערלויבעניש.

דעם 14/8 — אַן ערקלערונג, אַז די רעגיסטראַציע, וואָס ווערט דורכגעפירט צווישן דער באַפעלקערונג איז ניט צוליב אַ צוואַנגס=עוואַקואַציע, נאָר צו דערגיין, ווער האָט דעזערטירט פון דער רויטער אַרמיי, און צווייטנס כדי צוציען די באַפעלקערונג צו פאַרשיידענע אַרבעט ביי דער עוואַקואַציע פון שטאָט. פאַר פאַרשיידענע פאַלשע קלאַגען וועט מען באַשטראָפט ווערן. — אַ באַפעל צו בילדן אַ געמישטע קאָמיסיע פעסטצושטעלן די היזקות, וועלכע ס'האָבן געליטן די קאָאָפּעראַטיוון פון פאַרשיידענע רעקוויזיציעס דורך דער ראַטנמאַכט. — אַ באַפעל צו די קאָאָפּעראַטיוון אַז די אַלע היזקות דאַרפן זיי אָנמעלדן אין משך פון 48 שעה.

## די ליטווישע ממשלה.

די ליטווישע ממשלה האָט זיך אויסגעצייכנט פון אַלע איבעריקע מלוכה=מאַכטן דערמיט, וואָס זי האָט איבערהויפּט ניט אַרויסגעגעבן קיין סך פאַראָרדענונגען. ס'איז געווען פונקט ווי אין שלום=צייט.

דעם 28/8 — די באַשטעטיקונג פון אַ נייעם ווילנער מאַגיסטראַט, וועלכער באַשטייט פון זיבן פּערזאָן דערונטער צוויי יידן און איין פּאָליאַק.

דעם 1/9 — אַ פאַראָרדענונג פון מאַגיסטראַט, אַז אין משך פון זיבן טעג מוזן אַלע אַריינטראָגן אין שטאָט=קאַסע פוילישע מאַרקן, אָנשטאָט די אַריינגעטראָגענע סאָוועטישע רובלען, פאַר די עלעקטריע, וואַסערלייטונג וכדומה.

דעם 8/9 — האָט די ליטווישע קאָמענדאַנטור מודיע געווען, אַז אַלע פּערזאָנען, וועלכע באַזיצן ליטווישע אָדער אָבאָסט=פּעסער קענען פאָרן אָן רייזע=שיינען.

דעם 12/9 — אַ פאַראָרדענונג צו פאַרמאַכן אַלע טורמעס און אַרעסט=הייזער אין ווילנע אַחוץ לוקישקער טורמע. — באַשטימט אַלס געהילף=קאָמענדאַנט פון ווילנער מיליציע דעם יידן י. ראָזאָווסקי.

דעם 13/9 — דער מיניסטעריום פאַר פינאַנסן, האַנדל און אינדוסטריע האָט אָנגעהויבן אַריינציען אויך די נייע באַפרייטע ווילנער געביטן אונטער די כללים פון דער אַלגעמיינער ליטווישער געזעצגעבונג וועגן האַנדל און אינדוסטריע: ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן פאָלגנדיקע פאַראָרדענונג:

אַלע באַזיצער אָדער פאַרוואַלטער פון אינדוסטריעלע אַנשטאַלטן (פאַבריקן, זאַוואָדן, האַנטווערקער=וואַרשטאַטן און אַנד.), וועלכע געפינען זיך אין די ערטער, וואָס זיינען באַפרייט פון דער רוסישער אָדער פוילישער אָקופּאַציעס, און וועלכע באַנוצן זיך מיט געדונגענע אַרבעטס=הענט זיינען מחויב צו פאַררעגיסטרירן זיך אין דער קאַנצעלאַריע פון דעם באַפולמעכטיקטן פון דעם מיניסטעריום פאַר פינאַנסן, האַנדל און אינדוסטריע, אין דער שטאָט ווילנע — ביזן 25=טן סעפּטעמבער, אין די אויעזדן — ביזן 9 אָקטאָבער. זיי דאַרפן אַרויסנעמען געהעריקע רעגיסטראַציאָ עלעקוויט אַנציעס.

ביים רעגיסטרירן זיך דאַרפן זיי אָנווייזן די פאָלגנדע ידיעות:

1) דער נאָמען פון דער פירמע אָדער אַנשטאַלט. 2) וועלכע אַרבעטן ווערן אויסגעפירט, וועלכע פראָדוקטן ווערן געמאַכט. 3) גענויער אַדרעס פון דער אונטערנעמונג. 4) ווער האָט אַריינגעלייגט קאַפּיטאַל (איין פּערזאָן, אַקציאָנס-געזעלשאַפט, קאָמפּאַניע אויף פּאַיעס, פולשטענדיקע קאָמפּאַניע און אַנד.). 5) אַדרעס פון דעם אייגנטימער, און פאַר קאָמפּאַניעס און אַקציאָנס-געזעלשאַפטן — אַדרעס פון דעם פאַראַנטוואָרטלעכן דירעקטאָר. 6) די גרייס פון דעם גרינדונגס-קאַפּיטאַל אין רובלס (אין גאָלד-וואַליוטע). 7) פּראָדוקטיוויטעט פון דער אונטערנעמונג (דער סכום פון די פאַבריקאַטן אָדער פון אויסגעפירטע אַרבעט אין חודש) ביז דער מלחמה 1914 יאָר. 8) פּראָדוקטיוויטעט פון דער אונטערנעמונג ביז דער רוסישער אָקופּאַציע דעם 14 יולי 1920 יאָר. 9) די איצטיקע פּראָדוקטיוויטעט פון דער אונטערנעמונג. 10) ביז וועלכער גרייס קען שטייגן די פּראָדוקטיוויטעט לויט די טעכנישע מיטלען פון דער אונטערנעמונג? 11) פון וואַנען פלעגט די אונטערנעמונג באַקומען רויוואַרג און מאַטעריאַלן? 12) וואוהין פלעגן פאַרקויפט ווערן די פּראָדוקטן ביז דער רוסישער אָקופּאַציע (אויפן אינווייניקסטן פּריוואַטן מאַרק, אין אויסלאַנד, אָדער זיי פלעגן אָפּגעגעבן ווערן דער מלוכה)? 13) צי איז די רוסישע מאַכט אין דער צייט פון אָקופּאַציע געשטאַנען אין וועלכע עס באַציאונגען מיט דער אונטערנעמונג, צי זיינען געמאַכט געוואָרן רעקוויזיציעס, צי האָט מען צוגעשטעלט דער אונטערנעמונג רויוואַרג און אויף וועלכע באַדינגונגען? 14) צי איז די פּוילישע מאַכט אין דער צייט פון אָקופּאַציע געשטאַנען אין וועלכע עס איז באַציאונגען מיט דער אונטערנעמונג? אין וועלכע באַציאונגען? צי האָט מען צוגעשטעלט דער אונטערנעמונג רויוואַרג, און אויף וועלכע באַדינגונגען? 15) וויפיל שטענדיקע אַרבעטער און וויפיל טאָג-אַרבעטער זיינען געווען פאַרנומען אין דער אונטערנעמונג די לעצטע צייט ביז דער רוסישער אָקופּאַציע? 16) וויפיל שטענדיקע און וויפיל טאָג-אַרבעטער זיינען פאַרנומען איצט? 17) אויף וויפיל צייט — ביי דער איצטיקער פּראָדוקטיוויטעט — איז די אונטערנעמונג פאַרזאָרגט מיט רויוואַרג? 18) צי ווערט אָנגעגרייט נאָך רויוואַרג? 19) אויב די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אונטערנעמונג איז די לעצטע צייט געפאַלן, אויב מען אַרבעט אינגאַנצן ניט, אָדער אויב די אונטערנעמונג וועט מוזן אָפּשטעלן די אַרבעט אָדער פאַרקלענערן זי — דאַרף מען אָנווייזן די סיבות דערפון (ווייל עס איז ניטאָ קיין רויוואַרג און מאַטעריאַלן; מען קען ניט געפינען קיין אָפּזאַץ פאַר די פּראָדוקטן; עס לוינט ניט צו אַרבעטן; די טעכנישע איינאָרדענונג איז מיט פעלערן; עס פעלט אויס קאַפּיטאַל, און אַנד.), ווי אויך — מיטלען ווי זיי צו באַזייטיקן.

פאַר ניט רעגיסטרירן די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין דער געהעריקער צייט וועלן די פאַראַנטוואָרטלעכע פירער פון די אונטערנעמונגען באַשטראָפט ווערן מיט 2 חדשים אַרעסט אָדער ביז 10,000 ליטווישע מאַרק שטראָף.

דעם $^{23}/_{9}$ — געעפנט דעם קרייז-געריכט אין ווילנע, אין וועלכן ס'ווערן אָנגענומען בקשות אין אַלע אָרטיקע שפּראַכן.

דעם $^{23}/_{9}$ — אַ פאַראָרדענונג פון מאַגיסטראַט וועגן סאַניטאַרע מיטלען און צווייטנס נעמען אָפּצאָל ביי די פויערים פאַר די וועגן כחורה, וועלכע זיי ברענגען ניט אויף די מערק, נאָר ביים אַריינפאָרן אין שטאָט.

דעם $^{23}/_{9}$ — האָט דער יידישער פאָרשטייער פון מאַגיסטראַט אויסגעאַרבעט אַ אָפּצאָל-פּראָיעקט פון 2% ביים אַריינפירן און אַרויספירן סחורה פון ווילנע.

דעם $^{6}/_{10}$ — סך-הכל אַ פאָר טעג פאַרן פאַרלאָזן ווילנע: וועגן עפּענען צאָלהייזער, צווישן זיי, איינע אין ווילנע, וואו ס'מוז אָפּגעצאָלט ווערן פאַר די סחורות, וועלכע געפינען זיך שוין אין שטאָט, נאָר זיי שטאַמען פון אויסלאַנד (ד. ה. פון פּוילן); דער לעצטער טערמין פאַר איינצאָלן די צאָל, ווי אויך אַקציז, איז באַשטימט געוואָרן אויפן 1 נאָוועמבער און דערום זיינען אַלע סוחרים אויפגעפאָדערט געוואָרן צו רעגיסטרירן און אָנווייזן דעם סכום און באַטרעף פון די סחורות. ביים איינצאָלן באַקומען זיי אַ צאָל-קוויט און אויף דער סחורה וועט געלייגט ווערן אַ שטעמפּל. צו די סחורות געהערן לעדערוואַרג, שיך, מאַנופאַקטור, בענדער, שטריקוואַרג, זייגערס, פאָדים, שפּיל-קאָרטן, שירמס, נאָדלען, פּערלמוטערנע קנעפּ, בראַנפן, ווייַן, טאַבאַק-אויסאַרבעטונגען. פאַר געפינען נאָך דעם 1 נאָוועמבער סחורה אָן אַ שטעמפּל ווערט מען באַשטראָפט אַלס קאָנטראַבאַנדע ערשטנס מיט 5000 אָסט-מאַרק און דערצו 6 מאָנאַטן טורמע, די, וועלכע וועלן פאַרהאַלטן קאָנטראַבאַנדע, באַקומען איין דריטל פון דעם ווערט פון דער פאַרהאַלטענער סחורה. אויך ווערט ערקלערט אין דער פאַראָרדענונג, אַז די אויסלענדישע סחורות וועלכע זיינען אין אַלגעמיין פאַרבאָטן אַריינצופירן פון אויסלאַנד ווערן ערלויבט אַריינצופירן פון די ניי-באַפרייטע געביטן נאָר ביזן 1 נאָוועמבער, נאָך דעם טערמין וועלן די סחורות קאָנפיסקירט ווערן.

דעם $^{7}/_{10}$ — אַ באַפעל פון ליטווישן האַנדלס-מיניסטער, אַז אין די אַלע ניי-באַפרייטע געביטן ווערט איינגעפירט אַלס אַ געלט-מטבע דער אָסט-מאַרק, נאָר צייטווייליק איז ערלויבט צו נעמען פּוילישע מאַרקן צום קורס 5 פּוילישע מאַרק פאַר 1 אָסטמאַרק, און נאָר גאַנצע געלט, ניט קיין צעריסענע.

דעם $^{8}/_{10}$ — אַ באַקאַנטמאַכונג פון באַפולמעכטיקטן פון דער ליטווישער רעגירונג ה' יאָנינאַס, אַז די ליטווישע רעגירונג-שטרעבנדיק אויסצומיידן יעדע אומאָרדענונג אין דער שטאָט ווילנע, האָט געבעטן די פאָרשטייער פון דער אַנטאַנטע אין ווילנע, זיי זאָלן איבערנעמען די צייטווייליקע פאַרוואַלטונג איבער דער שטאָט; אויף דעם סמך האָבן די פאָרשטייער פון פראַנקרייך און איטאַליע פאַראָרדנט: 1) אַז די ליטווישע מיליציע גייט איבער אין רשות פון די אַנטאַנטע-פאָרשטייער; 2) די מיליציע-אָפּטיילונגען ווערן פאַררעכנט פאַר פּאָליציי-אָפּטיילונגען, וועלכע פאַרבלייבן אונטערן שוץ פון דער אַנטאַנטע; 3) דער פּאָלקאָווניק רעבול ווערט באַשטימט אַלס גובערנאַטאָר פון ווילנע און האָט דאָס רעכט אַרויסצוגעבן באַפעלן צו שיצן די אָרדענונג אין שטאָט.

## די צווייי-שעהדיקע פראַנצויזישע פאַרוואַלטונג.

דעם $^{8}/_{10}$ — אַ באַפעל פון פּאָלקאָווניק רעבול (פראַנצויז):
1) ס'ווערן פאַרבאָטן אַלע פאַרזאַמלונגען און דעמאָנסטראַציעס; 2) ס'ווערט ערקלערט באַלאַגערונגס-צושטאַנד; 3) ס'ווערט פאַרבאָטן צו גיין אויפן גאַס נאָך 9 אָוונט.

## מיטל-ליטע.

דעם $^{9}/_{10}$ — אַ באַפעל פון גענעראַל זשעליגאָווסקי, וועלכער רופט די גאַנצע באַפעלקערונג צו רו און אָרדענונג. — אַן אויפרוף צו אַלע איינוואוינער פון מ י ט ל - ל י ט ע מיט אַ הבטחה פון פולקומער גלייכהייט און רעכט פאַר אַלע בירגער אָן אונטערשייד פון גלויבן און נאַציאָנאַליטעט.

דעם $^{10}/_{10}$ — אַן אויפרוף פון פּוילישן קאָמיטעט וועגן פאַרהיטן די שטאָט פון פּאָגראָמען, כדי ניט צו פאַרפלעקן דעם פּוילישן גוטן נאָמען.

דעם $^{12}/_{10}$ — אַ דעקרעט, וועלכער ערקלערט אַלס ראש פון מיטל-ליטע דעם גענעראַל זשעליגאָווסקי און אַלס זיין אויספירנ-

דיקן אָרגאַן—די צייטווייליקע רעגירנדיקע קאָמיסיע. די טעריטאָריע פון מיטל-ליטע האָט אַלס גרעניצן פון איין זייט די, וועלכע ליטע האָט באַקומען דורך דעם שלום-אָפּמאַך מיט די באָלשעוויקעס דעם 12 יולי 1920, פון דער אַנדערער זייט—די דעמאַרק-ליניע, וועלכע האָט זיך אַיינגעשטעלט צווישן ליטע און פוילן אין חודש יוני 1920. — די פאָן פון דער מדינה איז רויט מיט אַן אָדלער און אַ באַנד, דער הערב—אַ ריטער מיט אַ אָדלער און אַ באַנד. — אַלע דעקרעטן פאַרלירן זייער קראַפט אויף וויפיל זיי וועלן ניט אַריינגעטראָגן ווערן אין געזעצגעבערישן סיים, וועלכער וועט צונויפגערופן ווערן.

דעם 13/10 — אַ דעקרעט וועגן אַיינפירן אַ פעלד-געריכט פאַר חטאים קעגן מיליטערישע ענינים, ווי שפּיאָנאַזש וכדומה, פאַר ראַבירן און אונטערצינדן. — אַ דעקרעט, וועלכער שטעלט פעסט דעם קאָדעקס, לויט וועלכן דער פעלד-געריכט וועט משפּטן.

דעם 19/10—אַ דעקרעט, אַז אַלע געזעצן, וועלכע זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן פון פוילישן גענעראַל-קאָמיסאַר פאַר די מזרח-לענדער, זיינען גילטיק ביז זייער אָפיציעלער אומענדערונג.

דעם 20/10—אַ דעקרעט וועגן אַיינפירן אַקציז פון טאַבאַק, פּאַפּיראָסן, פּאַפּיראָס-פּאַפּיר און שוועבעלעך. — אַ מודעה וועגן אָנמעלדן אַלע זאַפּאַסן פון טאַבאַק, פּאַפּיראָסן, פּאַפּיראָס פּאַפּיר און שוועבעלעך.

דעם 27/10—אַ פאַרבאָט אַרויסצופירן פון ווילנע אַלערהאַנט לעבנסמיטל-אַרטיקלען; דער אַריינפיר איז ערלויבט און אונטערליגט ניט קיין שום רעקוויזיציעס; עס ווערט פאַרבאָטן באַקן אַלערליי געבעקס מיט צוקער, פּוטער און אייער. די קאָפּעען זיינען מחויב צו האַלטן צום פאַרקויף ברויט און בולקעס; די רעסטאָראַציעס זיינען מחויב צוצוגרייטן מיטאָגן פון צוויי געריכטן מיט אַ פּאָרציע ברויט לויטן פּרייז ניט טייערער ווי 40 מאַרק פאַר אַ מיטאָג פון 1 ביז 4 בייטאָג. אַלע הויזווירטן זיינען מחויב אין פאַרלויף פון 3 טעג אָנמעלדן וועגן אַלע סקלאַדן פון די געוועזענע מאַכטן, דער פוילישער, דער באָלשעוויסטישער אָדער דער ליטווישער.

דעם 28/10—אַ באַפעל וועגן רעגיסטרירן פאָרשטעלונגסזאַלן, אויף וואָסער שפּראַך מען שפּילט דאָרט און אין וואָסער צייט.

דעם 28/10—אַ דעקרעט, וועלכער ערקלערט, אַז ביז וואַנען ס'וועט צונויפגערופן ווערן אַ סיים, געהערט די העכסטע מאַכט דעם גענעראַל זשעליגאָווסקי, וועלכער באַפולמעכטיקט אויספירן זיינע דעקרעטן און אַרויסגעבן באַפעלן די פאָרשטייער פון דער צייטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע. — אַ דעקרעט, אַז אין דער צייט פון קריגסצושטאַנד באַפולמעכטיקט דער אָנפירער פון דער מיטל-ליטווישער אַרמיי די צייטווייליקע רעגירנדיקע קאָמיסיע אַרויסצוגעבן אויסנאַם-געזעצן בנוגע דעם טראַנספּאָרט און באַוועגונג, צענזור, שיינען, אַלגעמיינע עקאָנאָמישע געזעצן, וועגן האַנדל מיט אַרטיקלען פון ערשטן געברויך, וועגן רו און אָרדענונג, מיט דעם רעכט צו באַשטראָפן ביז 100,000 מאַרק און אַ יאָר טורמע.

דעם 28/10—אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטרירן אַלע געזעלשאַפטן און אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן.

דעם 1/11—אַ דעקרעט וועגן צונויפרופן אַ סיים אין ווילנע אויף דעם 9 יאַנואַר 1921.—אַ דעקרעט וועגן אַ מאָביליזאַציע פון די יאָרן 1893—1900.

דעם 2/11—אַ פאַראָרדענונג וועגן שטעמפּלען די בילעטן פון אַלע פאַרווייליונגס-ערטער.





דעם 4/11—אַ דעקרעט, וועלכער פאַרבאָט די הויזווירטן אַרויסצוווערפן זייערע שכנים פון די דירות.

דעם 10/11—אַ פאַראָרדענונג וועגן אייַנמעלדן און אויסמעלדן שכנים אין משך פון 24 שעה.—אַ פאַראָרדענונג וועגן אָנמעלדן אַלע פאַרזאַמלונגען מיט דריי טעג פריער אונטער דער התראה פון 10,000 מאַרק שטראָף אָדער אַ חודש אַרעסט.—אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטרירן אַלע דראָגן-געשעפטן און כעמישע פאַבריקן.—אַ פאַראָרדענונג וועגן אַיינפירן אַ פּאָליציייאישע צענזור איבער דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען, דעקלאַמאַציע, מאָנאָלאָגן, געזאַנג, פאָרלעזונגען און לעקציעס, קינעמאַטאָגראַפישע פילמס, פלוג-בלעטער, וועלכע פאַרנעמען ווייניקער ווי אַ דרוקבויגן און ווערן פונאַנדערגעטיילט גראַטיס, אַפישן, פּראָגראַמען און פּלאַקאַטן; פאַר טאָן כנגד 50,000 מאַרק שטראָף אָדער 3 מאָנאַטן טורמע.

דעם 12/11—א פאַראָרדענונג וועגן דעם רעכט צו קלאָגן זיך אויף די אומגעזעצלעכע מעשים פון דער פּריזיוו-קאָמיסיע.—אַ פאַראָרדענונג וועגן לגאָטעס ביים פּריזיוו פאַר אייניקע קאַטעגאָריעס, ווי פאַר בני-יחידים, באַזוכער פון הויכשולן וכדומה.—אַ דעקרעט צוליבן פּריזיוו וועגן מיטל-ליטווישער בירגערשאַפט: פאַר פוילישע בירגער ווערן גערעכנט נאָר די, וואָס זיינען צוגעשריבן אין קאָנגרעס-פוילן, אָבער בשום אופן ניט די, וואָס באַזיצן פוילישע פּעסער פון געוועזענעם גענעראַל-קאָמיסאַר פאַר די מזרח-קאַנטן; פאַר רוסישע און ליטווישע בירגער רעכענען זיך נאָר די, וואָס זיינען דאָרט געבאָרן און וואוינען דאָרט שטענדיק; אַלע איבעריקע, וואָס זיינען געבאָרן אין מיטל-ליטע אָדער וואוינען דאָ שטענדיק, רעכענען זיך פאַר מיטל-ליטווישע בירגער.

דעם 14/11—אַ דעקרעט וועגן גרינדן אַ קאָמיסיע אומצוקערן אַלערליי האָב און גוטס, וועלכע זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן דורך דער באָלשעוויסטישער רעגירונג אָדער דורך זייטיקע מענטשן אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע.

דעם 15/11—אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטראַציע פון דאָקטוירים און מיטל-מעדיצינישן פּערסאָנאַל.

דעם 17/11—אַ פאַראָרדענונג וועגן פּריזיוו פון די געבאָרענע פון די יאָרן 1899 און 1930.

דעם 23/11—אַ דעקרעט וועגן אַיינפירן אַ קאָנטראָל-קאָמיסיע איבער אַלע מעשים סיי פון דער ציווילער סיי פון דער מיליטערישער מאַכט.—אַ דעקרעט וועגן גרינדן אין ווילנע אַ קרייזגעריכט, אַ געריכט פאַר אַפּעלאַציעס און פאַר קאַסאַציעס.—אַ דעקרעט וועגן אַיינפירן אַ פרידנס-געריכט.

דעם 23/11—אַ פאַראָרדענונג וועגן שטעמפּלען אַלע האַנדלספּאַטענטן, וועלכע זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַר דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע.

דעם 23/11—אַ פאַראָרדענונג וועגן אַיינפירן פון 1/12 דעם אינסטיטוט פון אַ נאָטאַריוס.

דעם 25/11—אַ פאַראָרדענונג וועגן שטעמפּלשטייער.

דעם 26/11 — אַ דעקרעט מיט דער וואַל-אָרדינאַציע צום מיטל-ליטווישן סיים.

דעם 29/11—אַ פאַראָרדענונג וועגן מעלדן זיך צום פּריזיוו די געבוירענע אין יאָר 1898.

דעם 1/12—אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטרירן אַלע באַנקגעשעפטן און בייט-קאָנטאָרן אין ווילנע.—אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע איינוואוינער פון מיטל-ליטע, האַנדלסהייזער, געשעפטן א. ד. ג. זיינען מחויב אויפצוגעבן אַלערהאַנט האָב און גוטס, וואָס איז פאַרבליבן פון די פאַרשיידענע אָקופּאַנטן, אונטער דער התראה פון 50,000 מאַרק שטראָף און פון 1 ביז 5 חדשים טורמע.

דעם 6/12—אַ דעקרעט (און דעם 17/12—אַ פאַראָרדענונג) וועגן פאַרלענגערן אויף 5 מאָנאַטן אַלע היפּאָטעקן, וואָס זייער

טערמין איז אויסגעגאַנגען און נאָר צוליב דער עוואַקואַציע פון דעם היפּאָטעק=געריכט ווערן זיי פאַרלענגערט.

דעם $^{9}/_{12}$—אַ באַפעל וועגן גרינדן אַ באַהייצונגס=קאָמיסיע, וועלכע זאָל באַזאָרגן אַלע רעגירונגס=אַנשטאַלטן מיט האָלץ

דעם $^{12}/_{12}$—אַ דעקרעט וועגן באַטיילן מיט ערד די ערדאָרימע פּויערים.

דעם $^{13}/_{12}$—וועגן עפענען אין ווילנע דעם $^{10}/_{1}$ אַ געריכט פאַר קאַסאַציעס.

דעם $^{15}/_{12}$—אַ דעקרעט וועגן אָרגאַניזירן טורמעס אויף דער טעריטאָריע פון מיטל=ליטע.

דעם $^{17}/_{12}$—אַ דעקרעט וועגן בילדן ביים בילדונגס=דעפּאַרטאַמענט 3 שול=סעקציעס: אַ ווייסרוסישע שול=סעקציע, אַ ליטווישע און אַ יידישע*), מיט באַזונדערע אָנפירער בראש.—אַ פאַראָרדענונג וועגן באַזאָרגן די אָרימע באַפעלקערונג מיט ביליגן האָלץ.

דעם $^{20}/_{12}$—אַ דעקרעט, וועגן אָפּשאַפן די פאַראָרדענונג פון געוועזענעם גענעראַל=קאָמיסאַר פאַר די מזרח=קאַנטן, וועלכער האָט איבערגעגעבן דעם איינצלפאַרקויף פון בראַנפן נאָר דער „אַקציענגעזעלשאַפט פון די מזרח=קאַנטן".—אַ פאַראָרדענונג, אַז די מאַכט גיט אַרויס אַלעמען ערלויבעניש אויף צו טרייבן בראַנפן, דערביי ווערט אָנגעוויזן די הייך פון אַקציז.

דעם $^{22}/_{12}$—אַ פאַראָרדענונג וועגן דער נויטווענדיקייט אַרויסצובאַקומען ערלויבעניש אויף אַ שרייב=ביוראָ; געבן יורידישע עצות און פירן פרעמדע משפטים איז די שרייב=ביוראָס פאַרבאָטן, אָניט שטראָף מיט 2 חדשים אַרעסט אָדער 20,000 מאַרק.

דעם $^{23}/_{12}$—אַ פאַראָרדענונג, אַז אַרויסשטעלן שילדן מיטן טיטל אַדוואָקאַט האָבן דאָס רעכט נאָר געשוואָרענע אַדוואָקאַטן, אָניט—2 מאָנאַט אַרעסט אָדער 20,000 מאַרק שטראָף.

דעם $^{23}/_{12}$—אַ פאַראָרדענונג, אַז מ'טאָר ניט רוגירן פון זייערע ערטער די שכנים, פאַבריקאַנטן און ערד=אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך דאָרט באַזעצט ניט שפּעטער פון 1 יולי 1920.

דעם $^{27}/_{12}$—אַ פאַראָרדענונג וועגן דעם רעכט פון דעפּאַרטאַמענט פאַר ערדאַרבעט צו פאַרקויפן וואַלד און געהילץ.

דעם $^{28}/_{12}$—אַ פאַרבאָט אַרויסצופירן לעבנסמיטלען פון ווילנע, מיט דער אויסנאַם פון 5 פונט שוואַרצע ברויט, 3 פונט פלייש, 2 פונט פעטס, 10 פונט זאַלץ און 10 פונט נאַפט פער פערזאָן. אַקעגנזשע, אַריינפירן איז אַלץ ערלויבט.

דעם $^{28}/_{12}$—אַ פאַראָרדענונג וועגן באַנוצן קראַפט פון דער עלעקטרישער סטאַנציע.—וועגן צוזאַמענשטעל פון דער באַהייצונגס=קאָמיסיע.

דעם $^{31}/_{12}$—אַ דעקרעט וועגן גרינדן אַ קאָמיסיע צו רעגיסטרירן די היזקות, וואָס די כלערליי אַרמייען האָבן אָנגעמאַכט אין משך פון דער מלחמה.—אַ דעקרעט וועגן באַצאָלן די גייסטלעכע, וועלכע ווערן אַרויסגערופן אין געריכט צו באַשווערן די אינטערעסאַנטן.

## 1921

דעם $^{5}/_{1}$—אַ דעקרעט וועגן אָפּלייגן די וואַלן צום מיטל=ליטווישן סיים פון $^{9}/_{1}$ אויפן $^{6}/_{2}$.—אַ פאַראָרדענונג וועגן קאַמף מיט דער עפּידעמיע אויף בהמות.

דעם $^{9}/_{1}$—אַ פאַרבאָט אָפּצובויען אָדער צו רעמאָנטירן אַ פאַבריק אָן אַ ערלויבעניש.

דעם $^{11}/_{1}$—אַ דעקרעט וועגן אַיינפירן דעם 8=שעהדיקן אַרבעטס=טאָג.—אַ דעקרעט וועגן אַיינפירן אַ אַרבעטס=אינספּעקטאָריאַט.

דעם $^{13}/_{1}$—אַ פאַראָרדענונג וועגן אַ אָפּצאָל פאַר טרייבן האָלץ איבער דער וויליע.

*) די יידישע סעקציע איז ניט געבילדעט געוואָרן, ווייל די יידישע שול=אָרגאַנען האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שיקן פאָרשטייער אין דער סעקציע.



דעם $^{14}/_{1}$—אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטראַציע פון דרוקערייען, לייענזאַלן, בוכגעשעפטן און ביבליאָטעקן. פאַר טאָן כנגד 50,000 מאַרק שטראָף און שליסן די אונטערנעמונג.

דעם $^{16}/_{1}$—אַ פאַראָרדענונג פון דער אָפּבוי=קאָמיסיע וועגן אויסלייען פאַבריקאַנטן געלט אָן פּראָצענט, און מיט פּראָצענט, אויף אַיינצוקויפן מאַשינעס אָדער רויוואַרג.

דעם $^{18}/_{1}$—אַ דעקרעט וועגן אָפּלייגן די וואַלן צום מיטל=ליטווישן סיים אויפן $^{20}/_{2}$.

דעם $^{25}/_{1}$—אַ דעקרעט וועגן אָפּשאַפן די פאָרצענזור. פאַר דרוקן אַרטיקלען, וואָס רייצן איין טייל פון דער באַפעלקערונג קעגן דעם צווייטן, פאַר אַרונטעררייסן דעם אויטאָריטעט פון דער רעגירונג וכדומה ווערט מען באַשטראָפט ביז 100,000 מאַרק און די בראָשורן און צייטונגען ווערן קאָנפיסקירט.

דעם $^{26}/_{1}$—אַ פאַראָרדענונג וועגן אַיינפירן אַ אָפּצאָל פון דאַמפקעסלען.

דעם $^{28}/_{1}$—אַ פאַראָרדענונג וועגן אַיינפירן אַ אינספּעקציע אויף די דאַמפקעסלען.

דעם $^{31}/_{1}$—אַ דעקרעט וועגן באַנייען די היפּאָטעקן=ביכער.—אַ פאַראָרדענונג וועגן אַרויסגעבן די מלחמה=געליטענע געהילץ אויף אָפּצובויען זיך.

דעם $^{1}/_{2}$—אַ דעקרעט וועגן אָפּלייגן די וואַלן צום מיטל=ליטווישן סיים אויף אַ אומבאַשטימטע צייט.—אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטרירן אַלע געשעפטן און האַנדלס=אונטערנעמונגען.—אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן באַזאָרגן די באַפעלקערונג מיט האָלץ און טאָרף.

דעם $^{8}/_{2}$—אַ דעקרעט וועגן דער עפענונג פון קאַסאַציאָנס=געריכט אין ווילנע.—אַ דעקרעט וועגן העכערן דעם אָפּצאָל פון אַדוואָקאַטן אויף 300%.—אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע פערד=באַזיצער זיינען מחויב ביי דער אויפפאָדערונג פון דער מיליטערישער און ציווילער מאַכט צוצושטעלן די פערד אין זייער רשות, לויט אַ געוויסער טאַקסע פון 5 מאַרק אַ ווערסט.—אַ דעקרעט וועגן אָרגאַניזירן אַ רעגירונגס=פּאָליציי.—אַ פאַראָרדענונג וועגן גרינדן אַ עקאָנאָמישן ראַט.

דעם $^{11}/_{2}$—אַ פאַראָרדענונג וועגן גרינדן אַ טעאַטער=קאָמיסיע.

דעם $^{16}/_{2}$—אַ דעקרעט, אַז אַלע קאָנצעסיעס אויף באַנקגעשעפטן און בייט=קאָנטאָרן ווערן בטל, און ווער ס'וויל באַקומען אַ נייע קאָנצעסיע מוז אַריינטראָגן 10% פון גרינדונגס=קאַפּיטאַל אין גאָלד אָדער ניט ווייניקער ווי 1000 מאַרק גאָלד לויטן קורס 20 גאָלדמאַרק דייטשע 20=מאַרק פּוילישע א. ד. ג.

דעם $^{18}/_{2}$—אַ דעקרעט וועגן גרינדן אין ווילנע אַ פאַרוואַלטונג פון אַ שטאָט=סטאַראָסטווע.

דעם $^{19}/_{2}$—אַ פאַראָרדענונג וועגן פרייען אַריינפיר פון כל=המינים ערלויבטע סחורה אין מיטל=ליטע אָן שום איינפירשיינען, דאָס זעלבע אויך בנוגע סחורה וואָס ווערט אַריינגעפירט פון פוילן. אַרויספירן סחורה קיין פוילן איז אויך אַזוי פיל ערלויבט, אויף וויפיל עס איז ניט פאַרבאָטן דורך ספּעציעלע באַקאַנטמאַכונגען.—אויף אַרויסצופירן סחורה קיין אויסלאַנד מוז מען האָבן אַ באַזונדער ערלויבעניש, פאַר טאָן כנגד שטראָף מיט געלט אָדער אַרעסט. צוגלייך מיט דער דאָזיקער פאַראָרדענונג אַ קאָמוניקאַט, אַז אויף אַרויסצופירן סחורה פון פוילן קיין מיטל=ליטע דאַרף מען אַרויסבאַקומען אַ שיין פון אַפּראָוויזאַציע=דעפּאַרטאַמענט, און אַ באַקאַנטמאַכונג, וועלכע שטעלט פעסט אויף וועלכע אַרטיקלען מען דאַרף יאָ האָבן אַ שיין אויף אַרויסצופירן פון מיטל=ליטע, דהיינו: אַלע מינים לעבנסמיטלען, פלייש, פעטס, מילכיקס, אייער, זאַלץ, נאַפט, רויע פעל, געהילץ מעטאַלן און מעטאַל=אויסאַרבעטונגען, ווי אויך טעכנישע אַרטיקלען.—אַ מודעה וועגן פאַרפאַרטיקן און אויסקויפן האַנדלס=פּאַטענטן.

דעם $^{23}/_{2}$—אַ דעקרעט וועגן רעגיסטרירן אַלע פאַבריק=אַרבעטער.

דעם 25/2 — אַ דעקרעט וועגן באַקעמפן די מיליטערישע ליכווע. — אַ פאַראָרדענונג וועגן גרינדן אַ קאָמיסיע צו עקזאַמענירן אויף ועהילף־פּראָוויזאָר.

דעם 26/2 — אַ פאַראָרדענונג וועגן שאַפן אַ אַפּראָוויזאַציע־ראַט ביים אַפּראָוויזאַציע־דעפּאַרטאַמענט.

דעם 28/2 — אַ דעקרעט, אַז אין די ערטער, וואו ס'איז ניטאָ קיין נאָטאַריוס, קען זיין פונקציע איבערנעמען דער פרידנס־ריכטער.

דעם 5/3 — אַ דעקרעט, וואָס שאַפט אָפּ דעם פאַרבאָט פון געוועזענעם גענעראַל־קאָמיסאַר פון די מזרח־געביטן אַרויסצופירן פלאַקס, חזיר־האָר און האָר. — אַ דעקרעט וועגן פאַרלענגערן דעם טערמין פון די וועקסלען, וועלכע זיינען געווען פעליק אין יולי און אַווגוסט 1920 יאָר. — תקנות, ווי אַזוי אויפצומאָנען דעם שטעמפּל־שטייער פון פאַפּירן בנוגע געשעפטן, וואָס זיינען געשלאָסן אין פרעמדע וואַליוטעס. — אַ פאַראָרדענונג צו העכערן דעם פרייז פון די פּאָסט־מאַרקעס מיט 2 מאַרק לטובת איבערשלעזיע. — אַ פאַראָרדענונג צו ליקווידירן די רעווידוקאַציע־קאָמיסיע. — אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטראַציע פון פערד. — אַ פאַרבאָט אַרויסצופירן פערד און בהמות פון מיטל־ליטע אונטער דער התראה פון 100,000 מאַרק שטראָף אָדער 6 מאָנאַטן אַרעסט.

דעם 7/3 — אַ דעקרעט וועגן גרינדן אין ווילנע אַן אַגראַרע האַנדלס באַנק, אַקצ. געזעלשאַפט.

דעם 9/3 — אַ פאַראָרדענונג וועגן אויספירשיינען אויף אַפּטייק־אַרטיקלען. — אַ דעקרעט וועגן צוואַנגס־קראַנקנקאַסעס פאַר דער באַפעלקערונג.

דעם 10/3 — אַ פאַראָרדענונג וועגן וואַלן אין אָשמענער קרייז־סיימיק.

דעם 12/3 — אַ פאַראָרדענונג וועגן וועקסל־קאָנטאָרן. — אַ דעקרעט וועגן ניט רוגירן די קליינע ערד־באַזיצער פון זייערע נחלאות ביזן 1 מערץ 1922 יאָר. — אַ דעקרעט וועגן איינפירן אין מיטל־ליטע די פוילישע וואַליוטע אַלס די איינציקע אָנגענומענע צאָלונגס־מטבע; פאַר טאָן כנגד 500 טויזנט מאַרק אָדער אַרעסט.

דעם 14/3 — אַ דעקרעט, אַז דער טערמין פון אויפמאָנען די שטראָף פון די פאַמיליעס, וואָס זייערע מיטגלידער האָבן זיך אויסגעדרייט פון פריזיוו, ווערט פאַרלענגערט ביזן 1־טן סעפּטעמבער.

דעם 18/3 — אַ פאַראָרדענונג וועגן שטייערן פון קי און ציגן. — אַ פאַראָרדענונג וועגן אָפּהיטן די רעפּראָדוקטאָרן פון ראַסן־בהמות.

דעם 22/3 — אַ פאַראָרדענונג וועגן ערלויבענישן צו טראָגן געווער אָדער גיין אויף געיעג.

דעם 24/3 — אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטרירן אַלע מינים האָב און גוטס, סיי פּריוואַטע סיי קרוינישע, וואָס מען האָט אומגעזעצלעך פאַרכאַפּט אין דער צייט פון די פאַרשיידענע אָקופּאַציעס.

דעם 30/3 — אַ דעקרעט וועגן דער גרינדונג פון דער אַקציענגעזעלשאַפט „ליאַס" צו באַזאָרגן אַלע זעגמילן מיט געהילץ, ווי אויך צו פירן אַ האַנדל מיט האָלץ.

דעם 1/4 — אַ דעקרעט, וואָס ערלויבט דער דערוויילקער רעגירנדיקער קאָמיסיע צו פאַרמאַכן צייטונגען, וועלכע זיינען עובר אויפן פּאַראַגראַף 128, 129, 132, 133 פון רוסישן קאָדעקס פון יאָר 1903.

דעם 6/4 — אַ דעקרעט מיט אויספירלעכע תקנות, ווי אַזוי איינצופירן אין לעבן די אַגראַרע רעפאָרם. — אַ באַקאַנטמאַכונג, וועגן איינפירן ביכער פאַר די דאַמפּקעסלען. — אַ פאַראָרדענונג מיט אַ טאַקסע פון אָפּצאָל פאַר די דאַמפּקעסלען.

דעם 11/4 — אַ פאַראָרדענונג וועגן די מאַקסימאַלע פרייזן, וואָס די רעגירונג דאַרף אַרויסצאָלן פאַר די געשעדיקטע בהמות.





דעם 12/4 — אַ פאַראָרדענונג וועגן דעם רעכט פון אַרבעטס־אינספּעקטאָר צו שטראָפירן פאַר ניט מעלדן זיך לויט אַן אַרויספאָדערונג.

דעם 14/4 — אַ דעקרעט וועגן דער איינטיילונג פון דער געראַטעניש פון די פעלדער, וועלכע זיינען אין דער אָפּוועזנהייט פון זייערע בעלי־בתים פאַרזייט געוואָרן דורך פרעמדע פויערים.

דעם 16/4 — אַ דעקרעט וועגן פאַרהיטן די ערד־אַרבעטער פון עקסמיסיע.

דעם 17/4 — אַ דעקרעט וועגן שכנים־שוץ.

דעם 18/4 — תקנות וועגן ערד־שטייער.

דעם 22/4 — אַ פאַראָרדענונג וועגן העכערן דעם אַקציז פון בראַנפן, פון שפּיל־קאָרטן און אַ פאַרבאָט אַריינצופירן בראַנפן אין מיטל־ליטע אָן אַ ערלויבעניש. — אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטרירן די זאַפּאַסן פון ספּירט און קאָרטן.

דעם 2/5 — אַ פאַראָרדענונג מיט תקנות בנוגע דער אַגראַר־רעפאָרם. — אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע פּריוואַטע ערד־מעסטער קענען ניט טאָן זייער אַרבעט אָן אַ קאָנטאַקט מיט דער קרוינישער ערד־קאָמיסיע. — אַ דעקרעט וועגן פאַרלענגערן דעם טערמין פאַר די קליינע ערד־אַרענדאַרן אויסצוקויפן זייערע קליינע ערד־טיילן.

דעם 5/5 — אַ דעקרעט וועגן צוריק אָפּנעמען פון דער רוסישער קירך אַלע גיטער, וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט אַמאָל אָפּגענומען ביי דער פוילישער קירך; די דאָזיקע גיטער ווערן איבערגעגעבן אין רשות פון דער קרוינישער ערד־קאָמיסיע צו פאַרטיילן די פויערים.

דעם 6/5 — אַ דעקרעט וועגן אַ דערוויילקער אינסטאַנץ פאַר קאַסאַציעס (דעם 21/5 — וועגן גרינדן אַ דערוויילקן געריכט פאַר קאַסאַציעס). — אַ דעקרעט וועגן אַ צוואַנג צו פאַרריכטן די וועגן מיט תקנות דערצו. — אַ דעקרעט וועגן דער פּרעסע: דער רעדאַקטאָר פאַר ניט וועלן אַרויסגעבן דעם נאָמען פון אַוטאָר פון איינקרימינירטע אַרטיקלען ווערט שטראַפירט מיט 50,000 מאַרק. — אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטרירן אַלע ערלויבענישן צו האַקן וועלדער, וואָס מ'האָט באַקומען פון דער געוועזענער פוילישער ציוויל־פאַרוואַלטונג פאַר די מזרח־קאַנטן.

דעם 7/5 — אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטראַציע פון אַלע צייטונגס־ביוראָען און דרוק־זאַכן. — אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן שטייער פון וואַלד־קאָנטראַקטן.

דעם 20/5 — אַ דעקרעט און תקנות וועגן דעם אָפּבוי פון די לערנשולן.

דעם 27/5 — אַ פאַראָרדענונג וועגן באַקעמפן די עפּידעמיעס אויף בהמות.

דעם 30/5 — אַ דעקרעט וועגן פאַרלענגערן דעם טערמין פון די פעלד־געריכטן ביזן 31 דעצעמבער. — אַ דעקרעט וועגן רעגיסטרירן אַלע מלוכה־נחלאות צוליב דער אַגראַר־רעפאָרם.

דעם 31/5 — אַ דעקרעט וועגן אַ פאַרבאָט אַריינצופירן פון אויסלאַנד פרעמדע וואַליוטעס, גאָלד און פּלאַטין אָן דער ידיעה פון דער מלוכה־מאַכט.

דעם 3/6 — אַ פאַראָרדענונג וועגן צוואַנג פון לעגיטימאַציעס פאַר אַלע בירגער אין עלטער פון 14 יאָר אונטער דער התראה פון שטראָף 50,000 מ' אָדער אַרעסט.

דעם 4/6 — אַ דעקרעט וועגן צוואַנג־אַסעקוראַנץ פון בנינים. — אַ דעקרעט וועגן אָפּנעמען די ערד ביי די בעלי־בתים, וואָס וועלן זי ניט באַאַרבעטן.

דעם 9/6 — אַ פאַראָרדענונג וועגן שטעמפּל־שטייער.

דעם 14/6 — אַ דעקרעט וועגן אָפּשאַפן די שטראָף פון די פאַמיליעס, וואָס זייערע מיטגלידער האָבן זיך ניט געשטעלט צום

פריזיוו.—אַ דעקרעט מיט תקנות פאַר אַקציענגעזעלשאַפטן.

דעם 14/6—אַ דעקרעט וועגן גרינדן אַ פוילישע אַקציענגעזעלשאַפט פאַר דעם אָפּבוי פון ווילנע (8/8 געענדערט: אָנשטאָט „פון"—„אין").

דעם 15/6—אַ פאַראָרדענונג וועגן גרינדן אַ קריסטלעכע אַקציענגעזעלשאַפט „אוניאַ" (צום האַנדל מיט רויוואַרג און האַלבע רוישטאָפן).

דעם 15/6—אַ פאַראָרדענונג וועגן גרינדן די טאַבאַק-געזעלשאַפט „לעכיאַ".

דעם 16/6—אַ דעקרעט וועגן גרינדן אַ אַקציענגעזעלשאַפט „פאַק" (אַ קריסטלעכע געזעלשאַפט פון קאָלאָניאַל און באַקאַליי).

דעם 16/6—אַ מעלדונג וועגן צעטיילן מיטל-ליטע אויף צוויי אַרבעטס-אינספעקטאָריאַטן.

דעם 20/6—אַ דעקרעט, אַז דער אַרטיקל 308 פון שטראָף-קאָדעקס פון יאָר 1903 איז דערווייליע בטל.—אַ דעקרעט וועגן גרינדן אַן אָפיציעלע אַרבעטס-פאַרמיטלונגס-ביוראָ.

דעם 23/6—אַ פאַרבאָט אַרויסצופירן צוקער פון מיטל-ליטע.

דעם 25/6—אַ פאַראָרדענונג פאַר דער קרימינאַל-פּאָליציי.

דעם 27/6—אַ פאַראָרדענונג וועגן אימפן די בהמות צוליב דער עפידעמיע.

דעם 28/6—אַמנעסטיע פאַר פאַרברעכער צוליב דעם יאָרטאָג פון פאַרעפנטלעכן די פוילישע קאָנסטיטוציע.

דעם 28/6—אַ פאַראָרדענונג וועגן ענדערן דעם סטאַטוט פון „ווילנער האַנדלס-באַנק".

דעם 1/7—אַ פאַראָרדענונג וועגן אָנהייבן די טעטיקייט אין דער קעגנזייטיקער אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפט.

דעם 7/7—אַ דעקרעט וועגן איינפירן אַ אָפּצאָל אויף קאַנצעלאַריע-הוצאות.

דעם 14/7—אַ פאַראָרדענונג וועגן אַ באַלוינונג פאַר די וועטערינאַרע דאָקטוירים, וועלכע פאָרן אַרום צו באַקעמפן די עפּידעמיעס אויף בהמות.

דעם 18/7—אַ דעקרעט וועגן אָפּשאַפן פעלד-געריכטן פאַר ציווילע פערזאָנען.

דעם 18/7—אַ דעקרעט מיט אויספירלעכע אָנווייזונגען ווי אַזוי אָפּצושאַצן אומבאַוועגלעכע גיטער צו באַשטייערן זיי מיטן ערד-שטייער.

דעם 23/7—אַ פאַראָרדענונג וועגן דעם בראַנפן-אַקציז.

דעם 27/7—אַ דעקרעט וועגן אויספירלעכע תקנות בנוגע רעקווּיזיציע פון לאָקאַלן און צימערן.—אַ דעקרעט וועגן דעם רעכט פון מאַגיסטראַט צו סעקוועסטרירן פאַר שטאָט-שטייערן.—אַ דעקרעט וועגן אַ צוגאָב-שטייער פאַר די שטאָטישע פאַרוואַלטונגען פון די אומבאַוועגלעכע גיטער.

דעם 29/7—אַ דעקרעט וועגן אַ רעגירונגס-אָפּצאָל ביי עקספּלאָאַטאַציע פון וועלדער.—אַ פאַראָרדענונג וועגן אַ אוניפאָרם פאַר דער רעגירונגס-פּאָליציי.—אַ פאַראָרדענונג וועגן אָרגאַניזירן אָפּטיילונגען פון באַן-פּאָליציי.

דעם 8/8—אַ פאַראָרדענונג וועגן באַשטעטיקן דעם סטאַטוט פון דער אַקציען-געזעלשאַפט אונטער דער פירמע „ווילנער סינדיקאַט פון לאַנדווירטשאַפט".

דעם 11/8—אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטראַציע פון אַלע אַריינגעפאָרענע אויף דער מיטל-ליטווישער טעריטאָריע.

דעם 11/8—אַ פאַראָרדענונג וועגן צושטעלן אַלע מאָנאַט אַ באַלאַנס פון האַנדלס-אָפּעראַציעס פון אַלע קרעדיט-אַנשטאַלטן אונטער דער התראה פון 100.000 מאַרק שטראָף.

דעם 12/8—אַ דעקרעט וועגן שטרענגער מאַכן די שטראָף פאַר פיטערן בהמות אויף פרעמדע לאָנקעס (ביז 2 מאָנאַטן טורמע אָדער 20,000 מאַרק קנס).



דעם 13/8—אַ דעקרעט וועגן באַשטראָפן די פאַמיליעס, וואָס זייערע מיטגלידער האָבן זיך אַרויסגעדרייט פון פריזיוו מיט 5—50 טויזנט מאַרק.—אַ דעקרעט וועגן אַרויסגעבן אַקטן אויף ערד-אייגנטום די יעניקע פויערים, וועלכע האָבן באַקומען איינגעטיילטע ערד-נחלאות פון דער צאַרישער רעגירונג.

דעם 17/8—אַ דעקרעט מיט תקנות וועגן אַרויסגעבן קאָנצעסיעס אויף עפענען אַפטייקן.

דעם 22/8—אַ דעקרעט, אַז די ווילנער שטאָטישע געלט-באָנעס ווערן פון 31/10 בטל.

דעם 24/8—אַ פאַראָרדענונג וועגן אומלעגאַלע פאַראיינען, לאָטערייען א. ד. ג. פאַר כאַפּן אומלעגאַלע פאַראיינען ווערן די איינטיילנעמער אַרעסטירט און צוגעצויגן צום געריכט; פאַר כאַפּן ניט ערלויבטע לאָטערייען ווערט מען שטראַפירט מיט 100,000 מאַרק מיט אַ יאָר טורמע.

דעם 26/8—אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן קאָמיסיאָנס-האַנדלס-הייזער.

דעם 27/8—אַ דעקרעט וועגן די יקרות-הוספות פאַר די געוועזענע רוסישע באַאַמטע, אלמנות און יתומים, וועלכע פלעגן באַקומען עמעריטור.—אַ דעקרעט וועגן גרינדן אַ טעכנישע קאָמיסיע ביים האַנדלס-דעפּאַרטאַמענט פאַר פאַטענטן אויף ערפינדונגען.—אַ דעקרעט וועגן דעם רעכט פון דער ווילנער לאַנדווירטשאַפטלעכער באַנק צו פאַרלענגערן די אויסצאָלונג פון די אויסגעגאַנגענע קופּאָנעס פון אירע „זאַקלאַדנע ליסטן" ביזן 1/8 1922 יאָר.—אַ דעקרעט וועגן שטייערן פון מאַיאָנטקעס.

דעם 29/8—אַ דעקרעט און תקנות ווי צו נאָרמירן די באַציאונגען צווישן די אַרענדאַרן פון לאַנדווירטשאַפטן און זייערע בעלי-בתים.

דעם 1/9—אַ פאַרבאָט איינצושאַפן און באַזיצן געווער און אַמוניציע אונטער דער התראה פון 100,000 מאַרק אָדער 6 חדשים טורמע.

דעם 10/9—אַ דעקרעט וועגן גרינדן אַ האַנדלס-אַקציענגעזעל. „פאַציפיק" צו אָרגאַניזירן און עקספּלאָאַטירן אַלערהאַנט סחורה-לאַגערן.

דעם 14/9—אַ פאַראָרדענונג וועגן העכערן דעם אַקציז פון בראַנפן, שוועבעלעך, הילזן, מונדשטוקן, פאַפיר און שפּיל-קאָרטן, פאַפּיראָסן, טאַבאַק.

דעם 14/9—אַ פאַראָרדענונג וועגן אָרגאַניזירן אַ הויפּט-פּאָליציי-קאָמאַנדע.

דעם 15/9—אַ דעקרעט וועגן פאַרהיטן אַלע קולטור-ווערטן און קונסט-זאַכן.—אַ דעקרעט וועגן ערד-שטייער פאַרן 1921 י.—ווידער אַ דעקרעט וועגן שכניב-שוץ.—אַ דעקרעט וועגן די נחלאות, וועלכע זיינען איצט אַריבער צו דער מלוכה.

דעם 20/9—אַ פאַראָרדענונג פאַר באַנק-געשעפטן.

דעם 23/9—אַ דעקרעט וועגן אַסיגנירן 25 מיליאָן מאַרק אַלס גרונד-קאַפּיטאַל אויף דער ערד-פאַרצעלאַציע.—אַ דעקרעט, וועלכער שאַפט אָפּ דעם פאַרבאָט אַרויסצוגעבן ערלויבענישן אויף בראַנפן-ברויזן אין די שטעט.

דעם 26/9—אַ דעקרעט וועגן באַגרעניצן דעם האַנדל מיט וואַליוטעס; ערלויבט צו האַנדלען מיט וואַליוטעס איז נאָר בענק, אָדער די אַזויגערופענע דעוויזן-בענק, אָבער ניט סתם אַלע בייט-קאָנטאָרן.

דעם 28/9—אַ פאַראָרדענונג וועגן ערלויבן עפענען אין ווילנע אַ אָפּטיילונג פון לובלינער באַנק.

דעם 29/9—אַ פאַראָרדענונג וועגן דער גרייס פון אָפּצאָל פאַר לעגיטימאַציעס.

דעם 30/9—אַ דעקרעט וועגן פרעסע און דרוק; פאַר דרוקן אַרטיקלען קעגן דער רעגירונג און מיליטער און העצן די באַ-

פעלקערונג א. ד. ג.—100,000 מאַרק שטראָף; די שטראָף קען אַרויפגעלייגט ווערן אויפן מחבר, אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר, אויף יעדערן באַזונדער.—אַ דעקרעט וועגן ענדערן די תקנות בנוגע די צוואַנגס־קראַנקן־קאַסעס.

דעם 4/10—אַ דעקרעט וועגן שליסן די „ליטווישע באַנק פאַר האַנדל און אינדוסטריע".

דעם 6/10—אַ דעקרעט וועגן פאַרשטאַרקן די גרעניץ־וואַך אום צו פאַרהיטן פון אַ אומלעגאַלן האַנדל איבער דער גרעניץ.—אַ דעקרעט מיט תקנות וועגן „מיליטער־ליכווע".—אַ דעקרעט וועגן איינפיר און אויספיר פון כחורות, פון אָדער קיין אויסלאַנד. מען ווערט באַשטראָפט מיט אַזוי פיל, וויפיל ס'באַטרעפט די אריינגעפירטע סחורה און אַחוצדעם ווערט די סחורה קאָנפיסקירט. פאַר אַרויספירן ניט־ערלויבטע אַרטיקלען ווערט מען שטראַפירט לויטן קאָדעקס פון באַקעמפן „מיליטער־ליכווע".

דעם 10/10—אַ פאַראָרדענונג צו רעגיסטרירן אַלע סקלאַדן פון אַרטיקלען פון ערשטן געברויך, אַנ'ט 100,000 מאַרק שטראָף מיט 1 חודש אַרעסט.

דעם 24/10—אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן באַקעמפן די ליכווע און ספעקולאַציע, וועלכע דראָט מיט טויט־שטראָף פאַר אויפשרויפן די יקרות־פרייזן און פאַר וואַרפן דעם ווערט פון דער פוילישער וואַליוטע.

דעם 25/10—אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע קרעדיט־אַנשטאַלטן זיינען מחויב צוצושטעלן אַלע חודש אַ באַלאַנס.

דעם 28/10—אַ דעקרעט וועגן האַנדלס־שטייער.

דעם 29/10—אַ דעקרעט וועגן ליקווידירן פאַרשיידענע פריוואַטישע סערוויטוטן (קאָנצעסיעס).—אַ פאַראָרדענונג וועגן קראַנקן־קאַסעס פאַר אַרבעטער.

דעם 1/11—אַ דעקרעט וועגן אָפשטעלן די ערד־פאַרצעלאַציע, וועלכע ווערט דורכגעפירט אָן דער ערלויבעניש פון דער קרוינישער גיטער־פאַרוואַלטונג.

דעם 3/11—אַ דעקרעט וועגן אַ צוואַנגס־אָבליגאַטאָרישער פייער־פאַרזיכערונג אין מיטל־ליטע און וועגן גרינדן אַ קעגנזייטיקע אַסעקוראַנץ־געזעלשאַפט.

דעם 4/11—אַ פאַראָרדענונג, וועלכע רעכנט אויס אַלע לעבנסמיטלען און רוי־שטאָפן, וועלכע זיינען פאַרבאָטן אַרויסצופירן פון מיטלליטע צום גרעניץ־פאַס. די אויסגערעכנטע אַרטיקלען מעגן אַרויסגעפירט ווערן סיידן מיט אַ ספעציעלער ערלויבעניש דערצו. — אַ דעקרעט, וועלכער רעכנט אויס אַלע אַרטיקלען, וועלכע ס'איז פאַרבאָטן אַריינצופירן פון אויסלאַנד, סיידן דורך אַ ספעציעלער ערלויבעניש דערצו.—אַ פאַראָרדענונג וועגן אָפצאָל פאַר עקספּאָרטירן סחורה קיין אויסלאַנד.

דעם 8/22—אַ פאַראָרדענונג צו ערלויבן דעם דעפּאַרטאַמענט פאַר ערדאַרבעט צון וואַלד פאַר ויפן געהילץ פון די מלוכה־וועלדער.

דעם 15/11—אַ דעקרעט וועגן ניט טאָרן העכערן דירה־געלט מער ווי 60 מאָל אַזוי פיל ווי פאַר דער מלחמה.— אַ דעקרעט וועגן שטעמפל־שטייער פון אַקציענגעזעלשאַפטן.

דעם 15/11—אַ דעקרעט, אַז אַלע וואָס האָבן געענדיקט אין רוסלאַנד אַ מיטל־שול פאַרן 1917 יאָר דאַרפן ביים אָנקומען אין אוניווערסיטעט, האַלטן אַ צוגאָב־עקזאַמען אויף פויליש און די, וועלכע האָבן אַטעסטאַטן פון סאָוועטישע מיטלשולן דאַרפן האַלטן אַ עקזאַמען אויף אַלע געגנשטאַנדן.—אַ דעקרעט און אַ טאַקסע פאַר שטעמפּלען וואָג און מאָס.—אַ דעקרעט וועגן באַשטעטיקן דעם סטאַטוט פון דער פוילישער אַקציען־געזעלשאַפט „מאָטאָר־באַוועגונג".

דעם [illegible]/11—אַ פאַראָרדענונג וועגן רעגיסטרירן אַלע פריוואַטע הייל־אַנשטאַלטן.





דעם 20/11—אַ דעקרעט וועגן שאַפן דעם פּאָסטן פון אַ וויצע־פּאָרזיצער אין דער ציטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע.

דעם 21/11—אַ דעקרעט וועגן דער דעמיסיע פון גענעראַל מאָקושעצקי אַלס פּאָרזיצער פון דער דערווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע.—אַ דעקרעט וועגן דער באַשטימונג פון ה' מיישטאָוויטש אַלס פּאָרזיצער פון דער דאָזיקער קאָמיסיע.—אַ דעקרעט וועגן באַשטימען גענ. מאָקושעצקי אַלס וויצע־פּאָרזיצער פון דער קאָמיסיע.

דעם 24/11—אַ דעקרעט וועגן אויסאַרבעטן אַ וואַל־אָרדינאַציע צום ווילנער סיים, פעסטשטעלן דעם שטח פון די וואַלן צום ווילנער סיים, אין וועלכן ס'גייען אַריין ווילנער, אָשמענער, טראָקער, סווענציאַנער, לידער און בראַסלאַווער קרייזן.

דעם 26/11—אַ פאַראָרדענונג וועגן אַראָפּרעכענען פון די שכירות פון די באַאַמטע פאַר די דירות, וואָס זיי פאַרנעמען אין די רעגירונגס־בנינים.

דעם 30/11—אַ דעקרעט וועגן אַמניסטיע פאַר פאַרשיידענע פאַרברעכנס צוליב פאַרעפנטלעכן דעם דעקרעט וועגן צונויפרופן אַ סיים אין ווילנע. די אַמנעסטיע איז אויך חל אויף די, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעמאַכט פון שטעלן זיך צום פּריזיוו.—אַ דעקרעט וואָס באַשטימט דעם 8/1 1922 יאָר אַלס טאָג פון די וואַלן צום מיטל־ליטווישן סיים. צוזאַמען דערמיט גיט איבער דער גענעראַל זשעליגאָווסקי זיין גאַנצע אייבערהערשאַפט דעם פּאָרזיצער פון דער ציטווייליקער קאָמיסיע ה' מיישטאָוויטש, אויך דאָס פולע רעכט אַרויסצוגעבן די געזעצן בנוגע די וואַלן.—אַ דעקרעט וועגן סקאַסירן די ציווילע קאַנצעלאַריע ביי דער מיליטערישער שעף־פאַרוואַלטונג און איבערגעבן דאָס ביזן 15/12 דער ציטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע.

דעם 1/12—אַ דעקרעט פון מיישטאָוויטשן מיט אַלע תקנות פון דער וואַל־אָרדינאַציע צום ווילנער סיים.—אַ דעקרעט פון מייעטאָוויטשן וועגן דער באַשטימונג פון אַ גענעראַל־קאָמיסאַר פאַר די וואַלן צום ווילנער סיים.—אַ דעקרעט וועגן באַשטימען אַ הויפּט־וואַל־קאָמיסאַר פאַר ווילנע.

דעם 3/12—אַ דעקרעט וועגן פאַרגרעסערן דעם באַשטאַנד פון ווילנער קרייז־געריכט מיט דריי מיטגלידער.

דעם 5/12—אַ דעקרעט וועגן שטראָף פאַר שטערן די וואַלן צום ווילנער סיים.—אַ פאַראָרדענונג וועגן באַשטעטיקן די תקנות פון אַ יידישער סוחרישער באַנק אונטערן נאָמען „ווילנער קרעדיט־באַנק" מיט אַ גרונד־קאַפּיטאַל פון 60 מיליאָן מאַרק.

דעם 14/12—אַ דעקרעט וועגן תקנות פאַר די פאָרוואַל־פאַרזאַמלונגען.—אַ דעקרעט וועגן באַשטימען אַ פאָרשטייערשאַפט פון דער מיליטערישער הנהגה אין מיטל־ליטע.

דעם 15/12—אַ דעקרעט וועגן רעווידירן די תקנות וועגן דרוקן און ציטונגען. אום אַרויסצוגעבן אַ צייטונג איז גענוג נאָר אָנצומעלדן דעם טיטל, שפּראַך און פּרייז פון דער צייטונג, אויך דעם נאָמען און אַדרעס פון רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער.—אַ פאַראָרדענונג וועגן באַשטעטיקן דעם סטאַטוט פון דער פוילישער אַקציען־געזעלשאַפט פאַר האַנדל פון די ברידער יאַבלאָקאָווס.—אַ דעקרעט וועגן דעם טאַקסע־אָפּצאָל פאַרן געשוואָרענעם איבערזעצער ביים ווילנער קרייז־געריכט.—אַ פאַראָרדענונג וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ פּאָליצייאישן שיין אויף אַרויסצופירן פערד פון די גרעניצן פון מיטל־ליטע.

דעם 16/12—אַ דעקרעט וועגן פאַרלענגערן די טעטיקייט פון די פעלד־געריכטן ביזן 30/6 1922 יאָר.

דעם 20/12—אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן האַלטן פאַרמאַכט די געשעפטן דעם 25/12 26/12 און 1/1 1922 יאָר.

דעם 29/12—אַ באַקאַנטמאַכונג פון הויפּט־אַרבעטס־אינספּעקטאָר, אַז ווער ס'וועט ניט רעגיסטרירן זיינע אַרבעטער אין קראַנקן־קאַסע אין משך פון 7 טעג וועט באַשטראָפט ווערן ביז 20 טויזנט מ.

א. מ. בערנשטיין.

# די מוזיק אין ווילנע פאַר דער צייט פון די אקופּאַציעס.

קאַפּע=און ביר=מוזיק. „לוסטיק און לעבעדיק" איז געוואָרן אין ווילנע ביים אַריינקומען פון די דייטשן. מערקווירדיק גיך האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג גענומען צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען און צו די נייע בעלי=בתים. אין משך פון אַ צוויי—דריי טעג איז די שטאָט געוואָרן ניט צו דערקענען: פּלוצלונג איז זי פאַרפלייצט געוואָרן מיט מוזיק. וואו ס'איז נאָר געווען אַ טיר צום גאַס, איז געוואָרן אַ קאַפּע, אַ בירהאַלע. און דווקא מיט מוזיק. און פון וואַנען האָט מען זיך דאָס אויף איינמאָל דערוואוסט, אַז די דייטשן האָבן ליב קאַפּע מיט מוזיק, ביר מיט מוזיק?—עס איז געוואָרן אַ יאָגעניש נאָך מוזיקאַנטן אין לשער. מען האָט געצאָלט צו 3 און 5 רובל פאַר אַן אָוונט שפּילן (צו יענער צייט זייער אַ הויכער פּרייז). צוליב דעם גרויסן דוחק אין מוזיקאַלישע קרעפטן האָט מען זיך באַנוגנט מיט אַ פּיאַניסטין, די בכורה האָט געהאַט אַ מיידל, וועלכע האָט כאָטש אַבי=ווי געקענט שפּילן אַ עטיוד פון 3—4=טן העפט „ליוטש". דערהויפּט האָט מען נאָר געדאַרפט, אַז עס זאָל זיך הערן אַ מוזיק=גערויש, אַ קלימפּעריי. גיך האָבן זיך אַלע אויסגעלערנט אייניקע דייטשע פּאַטריאָטישע לידער און עס איז געוואָרן „פריילעך". די אויערן פלעגן פּשוט פאַרטויבט ווערן פון דעם דאָזיקן רעש. פון אומעטום האָבן זיך געהערט די קלאַנגען פון קלאַווירן, פידלען, אויך פּויקן און באַראַבאַנען, כּדי וואָס גרעסער צו מאַכן דעם „מוזיקאַלישן" געפילדער. דערביי האָט זיך אויך געהערט דאָס פּאַטריאָטישע געזאַנג פון די סאָלדאַטן. אין אַלע פינסטערע לעכער, די באַרימטע ווילנער אכסניות און די קעלערן, וואו אין געוויינלעכע צייטן קערט מען אויס די שטוב איינמאָל אַ וואָך (וועגן וואַשן איז אָפּגערעדט!), האָבן זיך באַוויזן שיינע גאַרדינען, אויסגעפּוצטע בעטן מיט שנייווייסן באַצוג. ווייבער און מיידלעך, וואָס פלעגן זיך אפשר קיינמאָל דעם קאָפּ ניט אויסקעמען, האָבן מיט איינמאָל גענומען ערשיינען אין שיינע פריזורן, פיין געקליידט און טאַקע אין אַ היבשן דעקאָלטע, ווי עס פּאַסט ביים אויפנעמען אייראָפּעאישע געסט. אין אַזעלכע ערטער, וואָס זיינען געווען געוויינלעך באַשטימט פאַר „האָטעלן", האָט מען זיך דאָס רוב באַגנוגנט מיט אַ גראַמאָפאָן, וועלכער פלעגט משמח זיין די געסט, אַחוץ אַנדערע נומערן, אויך מיט די באַוואוסטע פּלאַטן „באַזעצן אַ כלה" „ברית מילה" וכדומה...

שונד=מוזיק. עס האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ סדרה קאָנצערט=מוזיק, כביכול. עס האָבן זיך געפונען ייִנגלעך אונטערנעמערס און וואו עס איז געווען אַ צימער, וואָס האָט געקאָנט אַריינעמען אַ 50—60 פּאַרשוין, איז געוואָרן אַ קאָנצערט=זאַל. עס האָבן זיך אויך געפונען „די פּאַסנדע קינסטלערישע קרעפטן" און עס איז אַוועק אַ מין מוזיק „אשר למשמע אזן דאבה נפשנו". דער נאַאיווער באַזוכער האָט געשטוינט הערנדיק און זעענדיק, וואָס דאָ קומט פאָר; דער ניט=נאַאיווער האָט אָבער גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָ האָט מען צו טאָן מיט פאַרדעכטיקע אונטערנעמונגען, וואָס די מוזיק איז דאָ ניט דער עיקר. דאָס זיינען געווען טרויעריקע ערשיינונגען, וועלכע האָבן אָבער געהאַט אַן אָרט נאָר אין די ערשטע חדשים פון דער אָקופּאַציע. ביסלעכווייז האָט די דייטשע מאַכט געעפנט פילע סאָלדאַטנהיימען כּדי אָפּצוציען די סאָלדאַטן פונם פאַרקער מיט פּריוואַטע פּערזאָנען און די קאַפּעען, בירהאַלעס און האָטעלן האָבן זיך צוגעמאַכט איינס נאָכן אַנדערן.

דער אַרבעטער=כאָר. אָבער מיר קענען אויך אָנווייזן אויף אייניקע ליכט=שטראַלן, וועלכע קענען פאַררעכנט ווערן אַלס ערשיינונגען פון אמתער קונסט. אין יאַנואַר 1916 איז לויט דער איניציאַטיווע פון צוויי פאָרשטייער פון „בונד", ה' פּאָמעראַנץ און ה' מאַזור געגרינדעט געוואָרן אַ ליבהאָבער=כאָר פון אַרבעטער. אַלס לייטער איז איינגעלאַדן געוואָרן ה' א. סליעפּ. דער כאָר איז באַשטאַנען פון בערך 40—50 פּערזאָן, בחורים און מיידלעך. אָנגעהויבן פון פּרימיטיווע אַרבעטער=און פאָלקס=לידער, איז דער כאָר גיך געבראַכט געוואָרן צו אַזאַ מדרגה, אַז מען האָט געקענט אַריבערגיין צו ערנסטן קלאַסישן געזאַנג פון היידן, הענדל און מענדעלסאָן. די אויספירונג האָט געקענט באַפרידיקן אפילו ערנסטע קענער פון מוזיק. ליב און טייער איז געווען ביי דער אָרגאַניזאַציע דער כאָר אירער און זי האָט מיט רעכט געמאָגט שטאָלצירן מיט איר אויפטו אויף דעם קולטורעלן געביט. אַלע צוויי וואָכן פלעגט דער כאָר אַרויסטרעטן אין לאָקאַל פון „בונד" און די אַרבעטער האָבן געהאַט די מעגלעכקייט, בסך=הכל פאַר 10 פעניג, געניסן פון ריינער קונסט. דער אינטערעס פון די אַרבעטער צו די מוזיקאַלישע אָוונטן איז געווען זייער שטאַרק. זיי פלעגן זיי באַזוכן מיט התמדה אין גרויסע מאַסן אַזוי, אַז פיל פלעגן ניט קענען אַריינקומען אין זאַל. אויך פלעגט די אָרגאַניזאַציע אָפּט אַראַנזשירן גרויסע עפנטלעכע קאָנצערטן אין פילהאַרמאָניע און זאַל קרענגעל. צוליב דער פּאַרטייאישקייט פון די אָנפירער, האָט אָבער דאָס אָנגעצונדענע ליכטל געשיינט נאָר אין זייערע ענגע ד' אמות. דעם כאָר איז ניט ערלויבט געווען אָנטייל צו נעמען אין אַ קאָנצערט, וואָס האָט ניט קיין דירעקטע שייכות צו דער אָרגאַניזאַציע, אפילו אויף אַ וואוילטעטיקן צוועק, ווען די הכנסה האָט געזאָלט גיין פאַר הונגעריקע און נאַקעטע. דער אָפּזאָג איז מאָטיווירט געווען מיטן אויסרייד, אַז דער כאָר עקסיסטירט נאָר פאַר אַרבעטער. איך וויל דאָ ניט משפּטן, צי די פאַרוואַלטונג האָט געטאָן גוט אָדער ניט, אַ פאַקט איז אָבער, אַז אין שטאָט האָט דער כאָר געהאַט צוליב דעם אַ שוואַכע ווירקונג און דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט כמעט ניט געוואוסט פון אים. דער כאָר האָט עקסיסטירט פון יאַנואַר 1916 ביז יוני 1920, ווען עס איז דורך דער פּוילישער מאַכט צוגעמאַכט געוואָרן די בונדישע אָרגאַניזאַציע.

צי האָט זיך, אויסער דעם כאָר אַלס גאַנצהייט, יעדער איינציקער פון די אָנטיילנעמער באַזונדער אַנטוויקלט אין מוזיק? צי קען מען פאַרצייכענען אין אונזער באַלאַנס, אַז עס זיינען אונז פאַרבליבן אייניקע צענדליק מוזיקאַליש געבילדעטע כאָריסטן, וואָס זאָלן פאַרשטיין צו זינגען פון נאָטן? ליידער, ניין. מען האָט אָנגעווענדט אַלע קרעפטן, אַז דער כאָר זאָל זיין „פּראָדוקטיוו", ד. ה. צו באַרייכערן דעם רעפּערטואַר: נאָך אַ ליד און נאָך אַ ליד. אויף דער אויסבילדונג פון יעדן איינציקן איז קיין אַכטונג ניט געלייגט געוואָרן. אַזוי ווי אַ שיינע צייכענונג אויפן זאַמד לאָזט נאָך זיך קיין שפּורן ניט, אַזוי איז אויך דאָס לערנען מעכאַניש, אויסוויייניק. אויסגעלערנט, אָפּגעזונגען און בטל ומבוטל.

דער כאָר „בני=אסף". און יאָר 1917 האָבן די ציוניסטן איינגעאָרדנט לכבוד חנוכה אַ ווייס=בלויען באַל. צום באַל איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ צייטווייליקער כאָר. עס האָט זיך געפונען אַ רייכער מאַן, אַ ליבהאָבער פון כאָר=געזאַנג ה' ראַשקעס, וועלכער

האָט אין אַ גרויסער מאָס מיטגעהאָלפן אין דער אָרגאַניזאַציע פון כאָר און זיין ווייטערדיקער עקסיסטענץ אונטערן נאָמען „בני=אסף“. אין די נאַציאָנאַליסטישע און ציוניסטישע קרייזן האָט אָבער די גרינדונג פון אַ כאָר ניט געפונען די געהעריקע אָפּשאַצונג. נאָכן אָפּפאָרן פון ה׳ ראַשקעס פון ווילנע, האָט דער כאָר נאָך געקענט עקסיסטירן בלויז אַ קורצע צייט אויף די מיטלען, וואָס ה׳ ראַשקעס האָט איבערגעלאָזט. אין דער צייט פון זיין עקסיסטענץ איז ער אייניקע מאָל אַרויסגעטראָטן מיט ערפאָלג אויף קאָנצערטן, אויף וועלכע עס זיינען אויסגעפירט געוואָרן אין העבּרעאיש פאָלקסלידער און קלאַסישע לידער. ריידן וועגן דער מוזיקאַלישער אַנטוויקלונג פון די אָנטיילנעמער פון דעם כאָר, קאָן מען דאָ אַויך ניט, ווייל זיין עקסיסטענץ האָט געדויערט אינגאַנצן אייניקע חדשים.

**די קינדער=סימפאָניע.** אַ שיינע ערשיינונג איז געווען די גרינדונג פון אַ קינדער=סימפאָניע, אין די ערשטע חדשים פון דער אָקופּאַציע. ה׳ א. לעווין, דער אייגנטימער פון האָטעל „קאָמערץ“, אַ ליבהאָבער פון מוזיק (ער איז אין יולי 1920 יאָר ביים אָפּטרעטן פון די פּוילישע חיילות פאַר די באָלשעוויקעס דערשאָסן געוואָרן פון די לעגיאָנערן) האָט צונויפגערופן אַ פּאָר צענדליק קינדער, וואָס האָבן געשפּילט אויף פאַרשיידענע אינסטרומענטן, איינגעלאַדן אַלס אָנפירער דעם ה׳ מ. **זאַמשטייגמאַן** און מען האָט אָנגעהויבן צו מאַכן רעפּעטיציעס. דערביי האָט ה׳ לעווין ז״ל זיך זייער פיל באַמיט; ער פלעגט אַליין צוזאַמענרופן די קינדער ?ון די אָרימסטע פלעגט ער צאָלן פון זיין קעשענע, זיי זאָלן קומען אויף די רעפּעטיציעס. ה׳ גורעוויטש, דער פאַרוואַלטער פון דער יינגל=שול „מפיצי השכלה“ איז דאַן געפאַלן אויף דער המצאה צו גרינדן אַ קינדער=אָרקעסטער, וואָס מען זאָל קענען דערפון האָבן אַ הכנסה לטובת דער שול.

אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די אויבנדערמאָנטע פערזאָנען איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער קינדער=אָרקעסטער זאָל פונקציאָנירן אונטער דער שילד פון „מפיצי=השכלה“ און די רעפּעטיציעס, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן אין דער וואוינונג פון ה׳ לעווין ז״ל, זיינען אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין דער יינגל=שול. דורך דעם איז געגעבן געוואָרן אַ מעגלעכקייט, אַז די קינדער, וואָס נעמען אָנטייל אין אָרקעסטער, זאָלן געניסן פון דעם געקעכטס, וואָס מען ?ט געגעבן פאַר די שילער פון דער שול.

עס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן 2 לערער אויף קלאַוויר, 2 אויף פידל, 1 אויף וויאָלאָנטשעל, 1 אויף קאָנטראַבאַס און 1 אויף פלייט. אונזער פּובליקום האָט אָבער ניט פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון אַזאַ פאָלקסשול פאַר מוזיק, און נאָכדעם ווי מ׳איז נאָך אייניקע קאָנצערטן געוויינט געוואָרן מיט דער סענסאַציע פון אַ קינדער=סימפאָניע, האָט מען אויפגעהערט צו באַזוכן די קאָנצערטן, און די עקסיסטענץ פון דעם קינדער=אָרקעסטער אין ווילנע איז געוואָרן קריטיש. מען האָט זיך געפּרובט ווענדן צום עולם מיט קול=קוראס, עס איז אָבער געווען אומזיסט. צו הילף איז מען ניט געקומען און די ערשטע יידישע פאָלקסשול פאַר מוזיק האָט זיך צוגעמאַכט. די צאָל פון די שילער איז געווען בערך 150—160. וואָס עס איז געוואָרן מיט דעם רוב שילער איז ניט באַוואוסט.*) אָבער אַז די שילער האָבן געהאַט אַ גוטע פּעולה, האָט מען געקענט מערקן אויף די שילער=אָוונטן, וואָס פלעגן פאָרקומען אין דעם בנין פון דער שול און אויף די עפנטלעכע קאָנצערטן, אויף וועלכע עס פלעגן אַרויסטרעטן אויסער דעם אָרקעסטער אויך איינצלנע שילער מיט סאָלאָ=נומערן.

**קאָנצערטן.** אין דער שלעכטער צייט פון דער אָקופּאַציע איז אויסגעוואַקסן אַ ריי צדקה=חברות. אויף מיטגלידס=אָפּצאָל האָבן די חברות ניט געקאָנט עקסיסטירן און עס פלעגן גאַנץ אָפט געמאַכט ווערן קאָנצערטן לטובת זיי. איבערהויפּט זיינען אין יענער צייט אַלע קאָנצערטן געווען **נאָר וואוילטעטיקע**. אַזוי ווי ווילנע איז געווען דאַן אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט,— האָבן זיך אין די קאָנצערטן באַטייליקט נאָר די מוזיקאַלישע קרעפטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין שטאָט. אין דער ערשטער ריי איז געגאַנגען דער שטאָט=חזן מ. **הערשמאַן**, דערנאָך דער אָפּערן=זינגער יוסף **ווינאָגראַדאָוו**, צווישן די יונגע קינסטלער זיינען געווען אַביאָסף און שמואל בערנשטיין. עס פלעגן אויך אָפט אַרויסטרעטן אויף קאָנצערטן די נאַטור=זינגערינס **זורער**, **פּעקקער** און **שוואַרץ**. בעת עס איז מעגלעך געוואָרן די פאַרבינדונג מיט וואַרשע, איז צוערשט געקומען אויף אַ ריי קאָנצערטן ה׳ סיראָטאַ מיט זיין טאָכטער העלענע, נאָכדעם ה׳ **קיפּניס** מיט פרל. **זעליגפעלד**. אויב אַפילו די דאָזיקע קאָנצערטן קען מען ניט אָנרופן ערנסט מוזיקאַלישע, האָבן זיי אָבער דאָך געמאַכט אַ סענסאַציע מיט דעם בייס, וואָס די גאַנצע פּראָגראַם איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון יידישע פאָלקסלידער. יאָגנדיק זיך נאָך דעם עפעקט, האָבן די קאָנצערטאַנטן אָפּטמאָל אַריינגענומען אין זייער פּראָגראַם לידער פון אַ צו לייכטן אינהאַלט. בכלל איז די התחלה געווען אַ גוטע אין דעם זין, וואָס פון דאַמאָלסט אָן איז דאָס יידישע פאָלקסליד עולה לגדולה געוואָרן און אַלע יידישע וואָקאַלע קאָנצערטן באַשטייען נאָר פון יידישע פאָלקסלידער. וואָס איז שייך צו אינסטרומענטאַלער יידישער מוזיק, איז אויף דעם געביט נאָך זייער ווייניק געשאַפן געוואָרן, וואָס מען זאָל קענען באַנוצן אַלס סאָלאָ פאַר קלאַוויר אָדער פידל. אין דער צייט ווען די דייטשע אָקופּאַציע האָט זיך פאַרשפּרייט מחוץ די גרעניצן פון ווילנע, האָבן אָנגעהויבן צו באַזוכן די שטאָט אַרטיסטן פון אַנדערע שטעט. צווישן זיי איז ווערט צו דערמאָנען אייניקע העכסט מוזיקאַלישע קאָנצערטן פון פידלער ה׳ **סאָלאָמאָנאָוו**, וועלכער איז אויך פאַרבליבן אין ווילנע וואוינען. אין דער צייט ?ון דער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע האָט באַזוכט ווילנע דער יידישער וועלט=באַוואוסטער פידל=שפּילער ה׳ **פּאָליאַקין** און האָט געגעבן 2 קאָנצערטן. אין די לעצטע פּאָר יאָר טרעטן אָפט אַרויס אויף קאָנצערטן די יונגע קינסטלערינס שוועסטער **רייזנבערג** און **פּאַרוס**.

**די סינאַגאָגאַלע מוזיק.** די סינאַגאָגאַלע מוזיק, וועלכע איז געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה אין דער כאָרשול „טהרת הקודש“ און אין שטאָטשול איז אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע כמעט בטל געוואָרן, און אויך ביי היינטיקן טאָג איז איר מצב אַ שפּלער צוליב דעם, וואָס אַ מער=ווייניקער אָנשטענדיקער כאָר דאַרף קאָסטן קאָלאָסאַלע סומען, וואָס אונזערע שולן פאַרמעגן דאָס ניט.

**דאָס געזאַנג אין די קינדער=שולן.** מיטן אויפלעבן פון אונזערע שולן אין יידיש און העבּרעאיש, נאָכדעם ווי די רוסן זיינען אַוועק פון ווילנע, האָט אויך אויפגעלעבט דאָס געזאַנג אין די דאָזיקע שולן. אין די רוסישע שולן בכלל און די קרוינישע שולן פאַר יידישע קינדער בפרט, איז דאָס געזאַנג געשטאַנען אויף אַ נידעריקער מדרגה. עס איז געווען נאָר כאָר=געזאַנג, וואָס אין דעם נעמט אָנטייל בלויז אַ קליינער פּראָצענט פון די שילער און די גאַנצע שול אַלס אַזעלכע האָט דערצו קיין שייכות ניט. די נייע יידישע שול האָט אַ גרויסן פאַרדינסט, וואָס זי האָט איינגעפירט קלאַסנגעזאַנג. צוויי שעה אַ וואָך ווערט אין יעדן קלאַס באַזונדער געלערנט געזאַנג. אויף אַזאַ אופן האָבן אַלע שילער די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זיך אין דער מוזיק, וואָס די באַדייטונג דערפון פאַר דער עסטעטישער אויסבילדונג פון די קינדער, דאַרף ניט דאָ דערוויזן ווערן.

*) אַ געוויסע צאָל פון זיי זיינען געוואָרן מוזיקער=פּראָפעסיאָנאַליסטן, וועלכע נעמען איצט אָנטייל אין דעם גרויסן סימפאָנישן אָרקעסטער אונטער דער לייטונג פון ה׳ ווילעזשינסקי.

דער פאַרדינסט פון קלאַסנגעזאַנג ווערט נאָך גרעסער דער־מיט, וואָס אַ קינד אָפּלערנענדיק אייניקע יאָר, אַפילו נאָר אין אַ פאָלקסשול, קאָן ביי גוטע באַדינגונגען, ד. ה. ביי אַ גוטער לערערקראַפט אין געזאַנג און ביי אַ ערנסטער באַציאונג צו דעם לימוד מצד דער פאַרוואַלטונג פון דער שול, דערגרייכן אַ סאָלידע אַנטוויקלונג: צו ווערן אַ י ו ד ע ס פ ר, צו קאָנען גוט זינגען פון נאָטן. דורכדעם ווערט געשאַפן אַ גרויסע שטרעבונג צו גרינדן מוזיק־פאַראיינען, וואָס דאָס איז אַ קוואַל פון גייסטיקן פאַרגעניגן פאַר די וואָס באַטייליקן זיך אין דעם, און די יידישע קונסט קען דורכדעם שטייגן ביז צו זייער אַ הויכער מדרגה.

ד ע ר כ אָ ר פ ו ן „ה י ל ף ד ו ר ך אַ ר ב ע ט". עס איז ווערט באַצייכנט צו ווערן, אַז אין אַ משך פון בערך 2 יאָר האָט פונקציאָנירט אויף אַ זייער באַפרידעוודיקן אופן אַ קאָלאָסאַלער שילער־כאָר אין דער פראָפעסיאָנעלער שול „הילף דורך אַרבעט", וועלכער איז באַשטאַנען פון בערך 100 פערזאָן, אונטער דער ליי־טונג פון א. מ. בערנשטיין. אין דער צייט פון זיין עקסיסטענץ האָט דער כאָר מיטגעווירקט אויף פילע קאָנצערטן, אַראַנ־זשירטע פון „הילף דורך אַרבעט". איינמאָל איז מיט די איי־גענע קרעפטן אויפגעפירט געוואָרן אין שטאָטזאַל די דראַמאַטישע פאָעמע „ביי דעם פרעמדן חופה־קלייד" פון י״ל פרץ, מוזיק פון א. מ. בערנשטיין. בכלל האָט דער כאָר געקענט זיך אַנטוויקלען און דערגרייכן ביז צו אַ קינסטלערישער הויכקייט, ווייל די מוזי־קאַלישע באַגאַבונגען פון די שילער, איבערהויפט פון די שילערינס, האָבן אַריבערגעשטיגן דעם דורכשניט. ליידער האָט דער כאָר ניט געקענט אויף לאַנג פאַרציען זיין עקסיסטענץ צוליב מאַנגל אין צייט. די פאַרוואַלטונג האָט ניט איינגעזען קיין מעגלעכקייט צו באַשטימען די רעפּעטיציעס אין דער צייט פון די לימודים, און האָט עס באַשטימט אויף דער מיטאָג־שעה. דאָס איז אָבער געפאַלן צו לאַסט די שילער, וואָס אַרבעטן שוין גאַנצע 4 שעה ביז מיטאָג. לזכרון איז פאַרבליבן אַ זאַמלהעפטל פון פאַרשיידענע לידער, וואָס דער כאָר האָט געזונגען און די פאַרוואַלטונג פון „הילף דורך אַרבעט" האָט אַרויסגעגעבן.

מ ו ז י ק אַ ל י ש ע ש אַ פ ו נ ג ע ן א י ן ד ע ר אָ ק ו פּ אַ צ י ע־צ י י ט. פון מוזיקאַלישע ווערק, וואָס זיינען ערשינען פאַר דער צייט פון דער אָקופּאַציע, איז צו דערמאָנען: דעם „זאַמלבוך פון קינדער־לידער און שפילן" מיט נאָטן, אַרויסגעגעבן פון די לע־רער ב ו ל ק י ן און ע פ ר אָ ן. דאָס זאַמלבוך איז צוזאַמענגעשטעלט פון ניט־ספּעציאַליסטן־מוזיקער און האָט דעריבער געוויסע דע־פעקטן. פונדעסטוועגן קאָן מען דאָרט געפינען פיל נומערן, מיט וועלכע מען קאָן זיך באַנוצן, דערהויפּט אין די שולן.

פון דעם שרייבער פון די שורות זיינען ערשינען פאָלגנדיקע קאָמפּאָזיציעס: 1) „צו ד״ר הערצלס יאָרצייט" געדרוקט אין וואָכנבלאַט „אונזער עתיד"; 2) „צום העמערל", צו אַברהם רייזען. אַחוצדעם האָט דער זעלבער פאַרפאַסט מוזיק צו דער דראַמאַטישער פאָעמע „ביים פרעמדן חופה־קלייד", וועלכע איז אייניקע מאָל אויפגעפירט געוואָרן אויף דער היגער בינע. פון דעם זעלבן מחבר איז אויך פאַר דער צייט פאַרטיק געוואָרן צום דרוק אַ זאַמלבוך פון 50! העברעאישע און יידישע אָריגינעלע קינדער־לידער. אויך אַ ס אָ ל פ ע ד ז ש י אָ, אַ לערנבוך פאַר נאָטן, צוגעפאַסט פאַר שול־קינדער, און מערערע נומערן געזאַנג פאַר אַ געמישטן כאָר. צו שלשים פון ש. אַנ—סקי האָט ער פאַרפאַסט מוזיק צו אַנסקיס לידער „מיין ליד" און „דער שניידערל".

ד ע ר כ אָ ר פ ו ן „ה ז מ י ר". אין דער צייט, וואָס אין דאָס רוב פאַרוויילונגס־ערטער, האָט געהערשט אויסגעלאַסנקייט און גע־שמאַקלאָזיקייט, האָבן אייניקע אינטעליגענטע יונגעלייט מיט ה׳ גאָרדאָן בראש געגרינדעט אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע אַ דראַמאַטיש־ליטעראַריש־מוזיקאַלישן פאַראיין אונטער דעם נאָמען „הזמיר". דער פאַראיין האָט געהייסן אַ אומפּאַר־טייאישער. זיין צוועק איז געווען צו שאַפן די מעגלעכקייט, אַז אַ אינטעליגענטער מענטש זאָל האָבן, וואו צו פאַרברענגען אַ מאָל אַ פּאָר שעה אין אַ פיינערער סביבה. צו דעם צוועק איז ביי דעם פאַראיין געגרינדעט געוואָרן אַ כאָר פון שילערינס פון די העכערע קלאַסן, אונטער דער לייטונג פון א. מ. בערנשטיין. דער כאָר האָט עקסיסטירט ניט לאַנג, 4 חדשים בערך, צוליב מאַנגל אין געלט־מיטלען. אין דער צייט פון זיין עקסיסטענץ פלעגט דער כאָר אָפט אַרויסטרעטן מיט יידישע און העברעאישע לידער אין לאָקאַל פון פאַראיין און אויף די עפנטלעכע טרויער־אָוונטן נאָך מענדעלע מוכר־ספרים און ש. פרוג.



* * *

דעם לעצטן יאָר ווײלט אין ווילנע פראָפעסאָר לייב צייט־לין, וועלכער האָט זיך קונה־שם געווען אַלס באַגאַבטער מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָר. צום ערשטן קאָנצערט זיינעם מיטן סימפאָנישן אָרקעסטער, וואָס איז געווען געווידמעט דער יידישער מוזיק, האָט זיך די יידישע ווילנע שטאַרק געגרייט און מען האָט מיט אומגע־דולד דערוואַרט דעם טאָג פון קאָנצערט. דער איינדרוק פון קאָנצערט איז אָבער געווען ניט דער ערוואַרטער. דערביי קאָן מען לחלוטין ניט שולדיק מאַכן לייב צייטלינען. מוזיקער האָבן פאָר־אויס געוואוסט, אַז מיר פאַרמאָגן נאָך ניט קיין ערנסטן רעפּער־טואַר פון אינסטרומענטאַלער מוזיק. די אייניקע נומערן, וואָס מיר האָבן יאָ, זיינען קליינע. ביים שפילן דויערט אַזאַ נומער פון 1½ ביז 2 מינוטן. אַזעלכע קליינע קאָמפּאָזיציעס, ווי שיין זיי זאָלן ניט זיין באַאַרבעט און האַרמאָניזירט, מאַכן אַ איינדרוק פון פרורים, שטיקלעך און ברעקלעך, און תמיד אַזוי ווי אָפּגעהאַקט אין מיטן. דערצו זיינען די נומערן על־פּי רוב פאַרפאַסט אין כראַגישן שטייגער, מיט דער גרויסער טערציע, וועלכער איז זייער כאַראַקטעריסטיש מיט דעם איבערמעסיקן סעקונד־אינטערוואַל (פון אָנדערהאַלבן טענער) פון דער סעקונדע ביז דער טערציע; אויך זיינען אייניקע נומערן, וואָס זיינען אויסגעפירט געוואָרן אויפן קאָנצערט, געווען געשריבן אין איין און דעם זעלבן טאָן, און אַז זיי זיינען געשפילט געוואָרן איינער נאָכן אַנדערן, איז עס אויסגעקומען אַזוי ווי מען וואָלט שפּילן אַלץ איין זאַך. מיט איין וואָרט, פאָרלויפיק איז אונזער אינסטרומענטאַלע מוזיק נאָך ניט מסוגל צו זעלבשטענדיקע קאָנצערטן.

מיט צופרידנקייט קאָן מען באַגריסן די ווידער־אויפלעבונג פון דעם אַרבעטער־כאָר אונטער דער פירמע פון דער „קולטור־ליגע", וועלכער פונקציאָנירט שוין זייט אייניקע חדשים, אונטער דער לייטונג פון זיין פריערדיקן דיריגענט, ה׳ א. סלעיפ. דער כאָר האָט שוין באַוויזן אויפצוטרעטן אויף אַ עפנטלעכן קאָנצערט, וועלכער איז אַריבער מיטן פאַר אים געוויינלעכן גוטן ערפאָלג.

*) מ׳דאַרף אויך דערמאָנען דעם אויסגעצייכנטן כאָר פון דער ערשטער יידישער רעאַל־גימנאַזיע אונטער דער לייטונג פון יעקב גערשטיין. דער כאָר איז געגרינדעט געוואָרן אין 1919 און באַשטייט פון איבער 120 מאַן. אין זיין רעפּערטואַר גייען אַריין לידער פון יידישע דיכטער, אָפּערנכאָרן, פאָלקסלידער א. אַז. וו. די ערשטע צייט איז ער געווען אַ צווייַשטימיקער, איצטער איז ער אַ פירשטימיקער. ביי די עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען פון דעם כאָר, האָט ער שטענדיק געהאַט דעם גרעסטן ערפאָלג.

ד י ר ע ד אַ ק צ י ע.

ב. האַלפּערן.

# דער יידישער קולטור־פאַראיין אין ווילנע.

שטיל און פאַרגליווערט איז געווען אויף דער יידישער גאַס אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, אַ שטאַרקע אַפּאַטיע האָט אַרומגענומען די גאַנצע באַפעלקערונג.

זעלטן ווער עס האָט אָבער דאַן פאַרשטאַנען, אַז ס׳פּאָדערט זיך נאָר אַ שטאַרקע איניציאַטיווע און די פאַרבאָרגענע קרעפטן וועלן אויפלעבן אויפדאָסניי. אַ ראיה דערפאַר האָבן מיר אין דעם ערפאָלג און דער גרויסער ווירקונג, וואָס ס׳האָט געהאַט דער ערשטער בריוו, וואָס איך האָב צעשיקט אין מערץ 1917, באַלד נאָך דעם אויסברוך פון דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע, בזה הלשון:

„גרויסע געשעענישן זיינען פאָרגעקומען אין אונזער פאָטערלאַנד: די אַלטע זיילן זיינען אומגעפאַלן, און, מ׳דאַרף זאָגן — אומגעפאַלן אויף אַלעמאָל. זיי האָבן באַגראָבן אונטער זייערע חורבות דעם קנעכטיש־דעספּאָטישן רעזשים, און פאַר אונז עפנט זיך אויף אַ נייער פּאָליטישער לעבן. אונז שטייט פאָר אַ גרויסע אויפבויאונגס־אַרבעט, וועלכע דאַרף אַרומנעמען דעם גאַנצן היקף פון אונזער געזעלשאַפטלעכן לעבן. ס׳איז שווער אַפילו אין געדאַנק זיך פאָרצושטעלן דעם פאַרנעם פון אונזער אַרבעט. די אייביקע קנעכטשאַפט האָט אַרויפגעלייגט אַ טיפן שטעמפּל אויף דער גאַנצער יידישער מאַסע, און אויפוועקן זי און דערציען צו אַ פּאָליטישן לעבן — איז אַ פראַגע פון מאָמענט. אויפן מערב איז ביי טיפע, ראַדיקאַלע איבערקערענישן דער המון ניט אַלעמאָל געגאַנגען פוס־טריט מיט די געשעענישן: אַ טייל איז פאַרלאָפן פאָראויס און אַ טייל — צופיל אָפּגעשטאַנען. דאָס אייגענע קען אויך פּאַסירן ביי אונז. דעריבער דאַרפן זיך דערהויפּט די יידן פאַראייניקן אין איין באַוואוסטזיניקער קערפּערשאַפט.

„אַ גרויסע אויפבויאונגס־אַרבעט שטייט אונז איצט פאָר אויף אַלע געביטן, און וואָס גיכער מיר וועלן זיך פאַר איר נעמען, — אַלץ אַ גרעסערער ערפאָלג וועט דערגרייכט ווערן. די פאַרצווייפלונג, וועלכע הערשט אַרום אונז, דער הונגער־קאָשמאַר, וואָס שוועבט איבער אונז, טאָר אויף קיין איין מינוט ניט אָפּשוואַכן אונזער ווילן. דווקא אין די שווערע באַדינגונגען פון דער געגנוואַרט, מוזן מיר מיט פאַרטאָפּלטע כוחות זיך נעמען פאַר דער אַרבעט. אַלץ, וואָס קען געטאָן ווערן היינט, מוז געטאָן ווערן. און אויפן ערשטן פּלאַן מוז שטיין די פראַגע *וועגן שאַפן אַזאַ יידישן צענטער, אַרום וועלכן ס׳זאָלן זיך גרופּירן אַלע עלעמענטן פון יידנטום, — אָן אונטערשייד פון ריכטונגען און שטרעבונגען, אַלע לעבעדיקע כוחות, אָן אונטערשייד פון פאַרמעגן און שטאַנד.*

„אויב מיר וועלן אַ קוק־טאָן דער ווירקלעכקייט גלייך אין די אויגן און מיר וועלן זיך אָפּגעבן אַ חשבון אין דעם, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען, דאַן מוזן מיר גלויבן, אַז די אויפבליאונג פון אונזער פאָטערלאַנד וועט זיין אַ *פעדעראַטיווע*, און דער גאַנצער פּאָליטישער קאַמף וועט זיך קאָנצענטרירן אויף די ערטער. די אָרטיקע בויאונג און די אָרטיקע אינטערעסן דאַרפן שפּילן אַ דאָמינירנדיקע ראָלע אין אונזער לעבן; דאָ וועט זיין אַ קאַמף פון נאַציאָנען, אַ קאַמף, וועלכער וועט דאַרפן דערווייזן אונזער פּאָליטישע רייפקייט. מיר וועלן זיך דאָ צוזאַמענשטויסן מיט אַזוינע עלעמענטן, וועלכע זיינען היסטאָריש צו אונז ניט אויפגעלייגט, און ווי אַזוי ס׳וועט זיין זייער טאַקטיק, ווייסן מיר, פאַרשטייט זיך, דערווייל ניט, נאָר איינס קען מען פונדעסטוועגן זאָגן, אַז אַ וואָלף, כאָטש ער איז אין אַ שעפּסענער פעל — וועט אַלעמאָל בלייבן אַ וואָלף, און דאָס טאָרן מיר אויף קיין איין מינוט ניט אַרויסלאָזן פון אויג.

„איך דערלאָז, אַז אין אַלגעמיין־מלוכהשאַפטלעכע פראַגן, פּאָליטישע און סאָציאַלע, וועלן מיר זיך צוליב אונזערע איבערצייגונגען פונאַנדערטיילן אויף פּאַרטייען, און, ס׳קען זיין, אַז אין אונזערע שטרעבונגען וועלן זיך אונזערע וועגן פונאַנדערגיין, נאָר, איך חזר איבער, — אין פראַגן פון אָרטיקער בויאונג מוזן מיר זיין פאַראייניקט, ווייל דאָס איז אַ לעבנס־פראַגע פאַר די יידן פון די ראַנד־פּראָווינצן מיט פיינדלעך געשטימטע צו אונז נאַציאָנאַליטעטן. וואָס עס זאָלן ניט זאָגן די בויער פון אינטערנאַציאָנאַליזם, נאָר איינס מוזן מיר פעסט געדענקען, אַז מיר לעבן און מיר וועלן נאָך אפשר לאַנג לעבן אין ניט קיין געזונטער שאָוויניסטישער סביבה און מיט דער דאָזיקער סביבה שטייט אונז פאָר אַ שווערער קאַמף.

„דעריבער לייג איך פאָר צו שאַפן אַ *פּאָליטישן צענטער*, וועלכער זאָל פאַראייניקן אַלע לעבעדיקע און אַקטיווע כוחות פון אונזער פאָלק, כדי מיר זאָלן אויף אַ ווערדיקן אופן נעמען אַן אָנטייל אין דער גרויסער נייער אויפבויאונגס־אַרבעט, ווייל — דאָס איז די באַפעלערישע פאָדערונג פון מאָמענט".

אפשר זיינען אייניקע אויסדריקן פון בריוו געווען ניט אַזוי געלונגען און ניט אַלע האָבן מיט זיי געקאָנט מסכּים זיין, אָבער ס׳איז געווען קלאָר, אַז ס׳קען געפונען ווערן אַן אַלגעמיינער לשון, אויף וועלכן מ׳קאָן זיך צוזאַמענריידן, ס׳קאָן אויסגעאַרבעט ווערן אַן אַלגעמיינע פּלאַטפאָרמע, אונטער וועלכער ס׳וועלן זיך אונטערשרייבן די ברייטסטע דעמאָקראַטישע שיכטן פון פאָלק.

דער בריוו, אָדער ריכטיקער געזאָגט, דער אויפרוף האָט געהאַט, ווי געזאָגט, אַ גרויסע ווירקונג, ס׳האָבן זיך אויף אים אָפּגערופן די אַקטועלע קרעפטן, וועלכע זיינען דאָ געווען פון פאַרשיידענע ריכטונגען, נאַטירלעך פון די ריכטונגען, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן דעמאָקראַטישן אָדער סאָציאַליסטישן פּרינציפּ. ער האָט זיי אויפגעוועקט צו אַקטיווער טעטיקייט, און די אַרבעט פון ערשטן טאָג אָן האָט זיך אָנגעהויבן אַ ענערגישע. ס׳איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַן אויפרוף צו דער באַפעלקערונג, צו אַלע דעמאָקראַטישע עלעמענטן, אויפפאָדערנדיק זיי צו פאַראייניקונג און זעלבסטטעטיקייט. אין דעם אויפרוף זיינען שוין קלאָר און דייטלעך אָנגעמערקט געוואָרן די הויפּטצילן, צו וועלכע מ׳דאַרף שטרעבן אין דעם מאָמענט, די אויפגאַבן, וואָס יעדערער דאַרף זיך שטעלן אין דער היסטאָרישער צייט, אויב מ׳וויל, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל אויפוואַכן פון זיין לעטאַרגישן שלאָף, און זאָל נעמען זיין גורל אין זיינע אייגענע הענט. אָט איז דער אינהאַלט פון דעם אויפרוף, וועלכער איז אַרויסגעלאָזן געוואָרן אין אָנהייב אַפּריל 1917.*)

„די מלחמה האָט געמאַכט גרויסע איבערקערענישן אין דער גאַנצער וועלט און צווישן אַלע פעלקער.

און נאָך גרעסערע איבערקערענישן שטייען פאָר.

*) טעקסט און אויסלייגונג פון אַלע דאָקומענטן, וואָס ווערן געבראַכט אין דעם דאָזיקן אַרטיקל, ניט געענדערט

ווי אין אַ פריהלינגס-שטורם, דורך דונער און בליץ ווערט באַנייט די נאַטור, אַזוי ווערט איצט באַנייט די וועלט.

עס איז געפאַלען אין רוסלאַנד דער פעסט איינגעוואָרצעלטער צאַריזם, עס זיינען צוריסען געוואָרען די קייטען, וועלכע האָבען יאָהר-הונדערטער לאַנג געמאַטערט די פעלקער.

אַלע פעלקער אַרום אונז, אונזערע שכנים גרייטען זיך צו בויען אַ נייעם לעבען און אָרגאַניזירען זיך. וואו עס איז נור מעגליך, הויבען זיי שוין אָן צו בויען.

נור אויף דער אידישער גאַס איז שטיל, נור ביי אידען איז געבליבען אַלץ ווי פריהער: דיזעלבע צעריסענהייט און צערשפּליטערטקייט, דיזעלבע אונ-אָרדנונג און דיזעלבע רעדעלפיהרעריי, אונפאַראַנטוואָרטליכע און צופעליגע, אָבגעריסענע פון פאָלק און זיין לעבען.

נור דער קלענסטער טייל פון אידישען פאָלק איז אָרגאַניזירט, דאָס איז דער אידישער אַרבייטער קלאַס. אין זיינע אָרגאַניזאַציעס פיהלט זיך לעבען און מוט, ער פיהרט זיין טעטיגקייט מיט אַ פּלאַן און חשבון, זיינע אָנפיהרער זיינען פאַראַנטוואָרטליך און פעסט צוזאַמענגעבונדען מיט דער מאַסע.

עס איז געקומען די צייט, אַז די איבעריגע אידישע דעמאָקראַטישע עלעמענטען—בעלי מלאָכות, קרעמער, אינטעליגענץ, און אַזוי בעלי הבתים, מוזען נעמען זייער גורל אין די אייגענע הענד, אויפהערען זיך פערלאָזען אויף רעדעלפיהרער,—און זיך אָרגאַניזירען כדי צו בויען אַ נייעם לעבען, כדי צו פערטיידיגען זייערע אינטערעסען.

איצט, גלייך, שוין, אַניט, וועט זיין צו שפּעט...

עס איז פאַראַן פראַגען, וועלכע מען טאָר ניט אָבלייגען, עס זיינען דאָ מעשים, וואָס מען מוז גלייך טאָהן...

מיר מוזען גלייך אָנהויבען זיך פאַנאַנדערקלייבען אין די דאָזיגע פראַגען, און געבען אויף זיי אַ ענטפער, כדי אַרום זיי זיך צו אָרגאַניזירען.

אויסער די אַלטעגליכע פראַגען, שטעהען פאַר אונז די פאָלגענדע פראַגען:

1. ווי דאַרף פּאָליטיש איינגעריכטעט ווערן ליטאַ?
2. די אָרטיגע זעלבסטפערוואַלטונג אין ליטאַ.
3. קולטור-נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע.
4. די קולטור נאַציאָנאַלע איינריכטונגען ביי אידען (קהלה).
5. די מיטלען צום אויפבוי און ענטוויקלונג פון די פאָלקס ווירט-שאַפט ביי אידען.

די פּראַקטישע רעזולטאַטן פון אויפרוף האָבן איבערגעשטיגן אַלע, אַפילו די אָפּטימיסטישסטע ערוואַרטונגען. ס׳האָבן זיך גע-מאָלדן אַלץ נייע און נייע קרעפטן און האָבן זיך גענומען צו דער פּראַקטישער אַרבעט. ס׳זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אַ ריי דיס-קוסיעס און גרויסע פאַרזאַמלונגען פון מיטפּילער און אָנהענגער, און פון אַ קליינעם קרייזל זיינען אַרויסגעטראָגן געוואָרן אויף דער ברייטער גאַס די פּאָליטישע פאָדערונגען און נאַציאָנאַלע שטרעבונגען.

אין דער זעלבער צייט זיינען אָנגענומען געוואָרן ענערגישע טריט צו לעגאַליזירן די אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „ווילנער יידישער קולטור-פאַראיין"; נאַטירלעך זיינען די קולטורעלע פראַגן געווען אויפן צווייטן פּלאַן, דעם ערשטן אָרט האָבן פאַרנומען די פּאָליטישע פאָדערונגען פון טאָג, און די פּערספּעקטיוון אויף דער נאָענטסטער צוקונפט.

לויט דעם סטאַטוט פון דעם „ווילנער יידישן קולטור-פאַר-איין", וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן פון דער דייטשער מאַכט, האָט די געזעלשאַפט געהאַט רעכט צו פאַרנעמען זיך נאָר מיט קולטור-אַרבעט, פאַרווײַלונגען און ספּאָרט און געדאַרפט זיין אינ-גאַנצן אומפּאַרטייאיש און אַפּאָליטיש. פאַרשטייט זיך אָבער, אַז דער פאַראיין האָט זיך פון אָנהייב אָן געשטעלט גאַנץ אַנדערע צילן, ווי די, וואָס זיינען אָנגעגעבן געוואָרן אין דעם סטאַטוט.

די אַלגעמיינע גרינדונגס-פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען דעם 3-טן יולי 1917 לויט אַיינלאַדונגען, וואָס האָבן געהאַט אַזאַ נוסח:



ג. ה.

עס גרינדעט זיך אַ אידישער קולטור-פאַראיין, וועלכער שטעלט זיך די אויפגאַבע צו אַנטוויקלען דעם זעלבסטבעוואוסטזיין און זעלבסטשטענדיגקייט פון די אידישע מאַסען און צו אָרגאַניזירען זיי אויף דעמאָקראַטישע און נאַציאָנאַלע יסודות. אויב איהר פיהלט מיט די דאָזיגע אויפגאַבען, האָבען מיר די עהרע אייך איינצולאַדען אויף די גרינדונגס פערזאַמלונג, וועלכע וועט פאָרקומען דינסטאָג דעם 3-טען יולי ד. י. 7 אַזייגער אין אָוועגט, אין לאָקאַל פון׳ם פאַראיין פון האַנדעלסאָנגעשטעלטע, ברייטע גאַס, הויז מוכין. (די סטאַטוטען פון פאַראיין זיינען ערלויבט פון די מאַכט).

האָכאַכטונגספאָל.

די גרינדער.

די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג האָט אויסגעקליבן אַ פאַרוואַלטונג, אין וועלכער עס זיינען אַריין: ד"ר א. אָלשוואַנגער, באָריס האַל-פּערן, אברהם האַלפּערן, ל. זאַקהיים, ברוך לובאָצקי, ל. מיצקון, ז. רייזען, ח. רעמיגאָלסקי, ג. פלודערמאַכער און יונה שאַפּיראָ. פאָרזיצער—ב. האַלפּערן, סעקרעטאַר—ל. זאַקהיים.

שוין ביז דעם מאָמענט, איז אין אַ ריי פאַרזאַמלונגען דיסקוסירט געוואָרן די פּלאַטפאָרמע פון קולטור-פאַראיין, וועלכע זאָל זיין אָבליגאַטאָריש פאַר אַלעמען, וואָס ווילן זיך אָנשליסן אָן אים. מ׳מוז מודה זיין, אַז ניט אַזוי לייכט איז געווען צו געפינען די מיטל-ליניע, אויף וועלכער עס זאָל קאָנען געשאַפן ווערן אַ בלאָק פון פאַרשיידענע ריכטונגען. אויסטיילן פון גאַנצן קאָמפּלעקט פראַגן און פּראָבלעמען די אַקטועלסטע און די וויכטיקסטע, זיי אַוועקשטעלן אַלס יסוד פאַר דער אַרבעט—איז געווען די הויפּט-אויפגאַבע פון קולטור-פאַראיין, אויך האָט זיך געפאָדערט, אַז מיט דער פּלאַטפאָרמע זאָל מען קאָנען טאַקע גיין צו די ברייטע מאַסן און אויפוועקן זייער זעלבסטבאַוואוסטזיין, זייער טעטי-קייט און זייער אינטערעס פאַר דער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע, און דאָס אַלץ אויפן ריין פּראַקטישן וועג, אָן פאַרוויקלטע טעאָריעס.

די דיפערענצירונג פון די קרעפטן פון קולטור-פאַראיין איז געווען אַזעלכע, אַז מ׳האָט געמוזט אָפּוואַרפן דאָס אַלץ, וואָס האָט געקאָנט צעשיידן, אויסשליסן אַלץ, וואָס האָט ניט געהאַט קיין אַקטועלע באַדייטונג אין דעם מאָמענט און אָננעמען די פּרינציפּן, וועלכע האָבן געקענט פאַראייניקן אַלעמען און ברענגען די געוואונטשענע רעזולטאַטן. מ׳קאָן דרייסט זאָגן, אַז דאָס איז געלונגען אויפן בעסטן אופן און דער קולטור-פאַראיין איז ווירקלעך געוואָרן דער צענטער, וואו ס׳האָט זיך אַנטוויקלט דער ריינער דעמאָקראַטישער געדאַנק, און וואו ס׳האָט זיך אויס-געקריסטאַליזירט דער ריכטיקער אַנאַליז פון דער פּאָליטישער סיטואַציע.

ס׳איז אויסגעאַרבעט געוואָרן פאָלגנדע פּלאַטפאָרמע, וועלכע האָט געגעבן אַ ענטפער אויף די וויכטיקסטע פינף פונקטן פון דעם דאַמאָלסטיקן פּאָליטישן לעבן:

## אונזער פּלאַטפאָרמע.

### 1. וויא דאַרף פּאָליטיש אַיינגעריכטעט ווערן ליטאַ?

א) נעהמענדיג אין אָנבעטראַכט די לעבענס-אינטערעסען פון אונזער קאַנט, איז נייטיג אַז ליטאַ זאָל זיין אַ בעשטאַנד-טייל פון רוסלאַנד.

ב) אין די קומענדיגע אַלרוסישע גרינדונגס פערזאַמלונג דאַרף מען פאָדערן אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק.

ג) ליטאַ נעמט אַ אָנטייל אין דער געזעצגעבונג און פערוואַלטונג פון לאַנד אויף אַלגעמיינע פאַר די גאַנצע מלוכה—יסודות.

### 2. די אָרטיגע זעלבסטפערוואַלטונג אין ליטאַ.

דיא לאַנדעס-, שטאָדטישע אונד דאָרפס-, זעלבסטפערוואַלטונג דאַרף איינ-געריכטעט ווערען אויף העכסט דעמאָקראַטישע יסודות.

### 3. דיא קולטור-נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע.

יעדע נאַציאָנאַליטעט, וואָס בעוואָהנט ליטאַ האָט איהרע צענטראַלע און אָרטיגע, אויף דעמאָקראַטישע יסודות בעגרינדעטע, אויטאָנאָמיע איינ-ריכטונגען, כדי צו פיהרען איהרע קולטור נאַציאָנאַלע אָנגעלעגענהייטען;

### 4. דיא קולטור נאַציאָנאַלע אײנריכטונגען פאַר אידען.

דיא אָרטיגע אידישע קולטור נאַציאָנאַלע אײנריכטונג איז דיא קהלה, וועלכע דאַרף פערוואַלטעט ווערען אויף דעמאָקראַטישע יסודות: דיא אידישע קהלות פעראײניגען זיך אין לאַנדעס אָרגאַניזאַציע.

אונטער דיא פיהרונג פון קהלה געהט ארונטער:

1) דיא פאָלקסבילדונג; 2) צדקה; 3) פאָלקסגעזונדהייט; 4) ביבליאָטעק, טעאַטער, מוזעען און א. קולטורעלע אײנריכטונגען.

### 5 מיטלען צום אויפבויא אונד ענטוויקלונג פון דעם עקאָנאָמישען לעבען פון דיא אידען.

א) רעגיסטראַציע פון דיא הזיקות, וואָס דיא אידישעווירטשאַפט האָט געליטען פון—און צוליעב דער מלחמה.

ב) אויספאָרשונג פון די לאַגע פון דעם אידישען האַנדווערק און מסחר.

ג) אויסזוכונג פון מיטלען, וויא צו בעפרידיגען פאַר דיא היזקות: הלואות און צינזען קרעדיט אויף לאַנגע דאַטעס א. ז. וו.

ד) טעכנישע, קאָמערציעלע און לאַנדווירטשאַפטליכע בילדונג, מוסטער אויסשטעלונגען, מוזעען א. ז. וו. געגענזייטיגע הילף, קאָאָפּעראַציעס, גרינדונג פון פּראָפעסיאָנעלע פעראײנען פון סוחרים, בעלי-מלאכות און ארבייטער.

ה) דיא מיטלען צו ענטוויקלען דיא לאַנדווירטשאַפט בײא אידען: אָרגאַניזאַציע פון אגראָנאָמישע הילף און היפּאָטעקען-קרעדיט.

1. עס מוזען בעשטעלט ווערען אָביעקטיווע סמנים, אויפן סמך פון וועלכע מען ווערט בערעכטיגט אריינצוטרעטען אין אונזער אָרגאַניזאַציע: דאָס ווערט פעסטגעשטעלט דורך דעם אָננעהמען דיא פאַרגעלייגטע בעשלוסען איבער דיא קאַרדינאַלע פראַגען פון אונזער פּלאַטפאָרמע.

2. אזױא ווי אונזער אָרגאַניזאַציע איז א בלאָק פון דיא, וואָס זיינען געקימען צו אַלגעמיינע בעשלוסען איבער געוויסע פראַגען, קענען מיר ניט ארבייטען אין איין אַנדער ריכטונג.

זייער פיל דיסקוסיעס האָט אַרויסגערופן דער ערשטער פּונקט פון פּלאַטפאָרמע. אין די דיסקוסיעס האָבן גענומען אַ אָנטייל אויך די סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע פאָרשטייער פון דער ליטווישער און ווייסרוסישער נאַציאָנאַליטעט. יעדע נאַציאָנאַליטעט האָט די פראַגע באַלויכטן פון איר שטאַנדפּונקט. אַ ריי רעפעראַטן, וועלכע זיינען געווען געווידמעט דער פראַגע, האָבן געגעבן דעם ברייטן עולם די מעגלעכקייט פונאַנדערצוקלייבן זיך אין די פּאָליטישע פאַרהעלטענישן פון יענער צייט און נעענטער צוגיין צו דער זאַך. דאָס האָט געהאַט אַ גרויסע פּאָליטישע ערציאונג און די ווירקונג דערפון האָט זיך געלאָזט שפּירן אַפילו דאַן, ווען די סיטואַציע האָט זיך גרינגדלעך געביטן.

סך-הכל עטלעכע יאָר טיילן אונז אָפּ פון יענער צייט, און ווער וועט לייקענען, אַז דער קולטור-פאַראיין איז געווען דער צענטער צו וועלכן מ'האָט זיך צוגעהערט מיט דעם גרעסטן אינטערעס אין אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג און מיט וועלכן ס'האָט זיך גערעכנט אויך די אויסערלעכע וועלט? די צאָל חברים איז געוואָרן גרעסער וואָס פון טאָג, די אַרבעט איז געוואָרן זייער קאָמפּליצירט און פאַרצווייגט און ס'האָט זיך אָנגעהויבן צו שפּירן, אַז די ראַמען פון דער פּלאַטפאָרמע זיינען צו ענג, אַז דער קולטור-פאַראיין איז אויסגעוואַקסן און אַ מעכטיקער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע דאַרף פאַרענטפערן אויך די סאָציאַלע פּראָבלעמען. דאָ האָט דער בלאָק פון די פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע ריכטונגען אָנגעהויבן אַ ביסל צו הינקען, אַרויסגעוויזן פאַרשיידנאַרטיקע אָנשויאונגען, און ס'האָט געמוזט קומען צו אַ שפּאַלטונג. אייניקע זיינען אַוועק צו די סאָציאַליסטישע פאַרטייען און די ריינדעמאָקראַטישע ריכטונג איז פאַרשטאַרקט געוואָרן מיט נייע קרעפטן און געבילדעט אַ אייניהייטלעכע קערפּערשאַפט.

ס'האָט זיך געבילדעט די דעמאָקראַטישע פאַרטיי. זי האָט איבערגענומען די גאַנצע אַרבעט פון קולטור-פאַראיין, ווייל זי איז דאָרטן געווען פאַרטראָטן שטאַרקער, זי האָט דאָרטן געהאַט די אייבערהאַנט. ס'האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט אַ איינאַרטיקע אויִדיטאָריע, וואָס אירע פּאָליטישע איבערצייגונגען זיינען זיך צונויפגעגאַנגען. די אויפקלערונגס-אַרבעט האָט זיך געפירט נאָך אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב. ס'זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן פאָרלעזונגען סיי אין לאָקאַל פון פאַראיין, סיי אין האַנטווערקער-פאַראיין אויף אַלערליי טעמעס, ס'זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן לעקציעס פאַר דער יוגנט, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסן ערפאָלג און ווירקונג און אַז. וו.

סוף 1917 יאָר איז די פּאָליטישע סיטואַציע געוואָרן נאָך פאַרוויקלטער, נאָך אומקלאָרער. נאָך אַ ריי קאָנפערענצן מיט אַלע סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע פאַרטייען פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, אין וועלכע די יידישע דעמאָקראַטישע פאַרטיי האָט גענומען אַ אָנטייל דורך אירע פאָרשטייער—ב. האַלפּערן און י. מיצקון, איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצולאָזן אַ בראָשור, אין וועלכער עס זאָלן קלאָר און דייטלעך פאָרמולירט ווערן די פּאָליטישע פאָדערונגען פון דעם מאָמענט, וועלכע די דעמאָקראַטיע שטעלט אַרויס.

איך האָב געהאַט דעם כבוד אָנצושרייבן די בראָשור, און אין דעצעמבער 1917 איז זי געווען אָפּגעדרוקט און פאַרשפּרייט ניט נאָר אין ווילנע, נאָר אויך אין דער פּראָווינץ. צוליב די באַדינגונגען פון דער אָקופּאַציע איז די בראָשור געווען אַ אומלעגאַלע און מיט גרויס מי איז זי אַרויסגעגעבן געוואָרן:

צוליב דעם גרויסן היסטאָרישן אינטערעס, וואָס זי האָט, דרוקן מיר זי איבער אינגאַנצן:

## דער איצטיגער מאמענט און אונזער אויפגאבע.

אין אַחדות ליגט דער כוח.

ערטערווייז ווערט שוין אַנטשוויגען דער דונער פון האַרמאַטען, ווערט שוין פאַרלאָשען דער פלאַם פון דער שׂרפה, און דער גאָט פון מלחמה איז שוין זאַט געוואָרען מיט מענשליכע בלוט. אין איין פונקט פון כדור-הארץ גייען שוין, דאַכט זיך, אונטערהאַנדלונגען וועגן שלום. און די נעכטיגע שונאים וועלען, קען זיין, מאָרגען ווערען גוטע פריינד, וועלען געפינען דעם אַלגעמיינעם לשון פון דורכקומען, וועלען פאַרשטיין די פאַרברעכערישקייט פון דעם, וואָס זיי האָבען אָפּגעטאָן. די אַלגעמיינע פאַרשיכור'טקייט גייט, דאַכט זיך, פאַרביי, דער פסיכאָז ווערט אָפּגעשוואַכט און די דעמאָקראַטיע כאַפּט זיך אויף מיט אימה פונ'ם קאָשמאַרענדיגען שלאָף.

אָבער „ס'איז ניטאָ קיין שלעכטס אָהן גוטס". אין דער דאָזיגער שווערער צייט, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט, ווען ס'זיינען צונישט געמאַכט די קולטור-ווערטען, וואָס זיינען אָנגעקליבען געוואָרען אין משך פון טויזענטער יאָרען; ווען בליהענדיגע ערטער זיינען מגולגל געוואָרען אין וויסטענישען, און פון שטעט און דערפער איז געוואָרען אַ תּל; ווען דעם גאָט פון מלחמה זיינען געבראַכט געוואָרען פאַר אַ קרבן די רייכטימער, וואָס זיינען אָנגעזאַמעלט געוואָרען דורך שווייס און בלוט פון די אַרבייטענדיגע מאַסען, און אויף די פּלייצעס פון די קומענדיגע דורות איז אַרויפגעוואָרפען אַ שווערע משא פון ניט באַצאָלטע חובות,—אינמיטען דעם דאָזיגען חושך און יאוש האָט זיך, ווי דער פלאַמ'דיגער גבור פון דער שיינער לעגענדע, אויפגעהויבען דאָס רוסישע פאָלק, האָט אַראָפּגעוואָרפען פון זיך דעם הונדערטיאָריגען יאָך, די הונדערטער יאָר שקלאַפעריי און האָט פּראָקלאַמירט דאָס פרייע רעכט צו זעלבסטבאַשטימונג פון די פעלקער.

דאָס נייע רוסלאַנד האָט מיט אַמאָל געמאַכט אַ סוף

פון דעם אַלטען רוסלאַנד, פונ׳ם גאַנצען דעספּאָטישען בנין, מיט איין הייב פון דער האַק האָט זי אָפּגעהאַקט די קאָפּ דער הידרע, וואָס האָט באַזונדערס אַכזריותדיג אויסגעזויגען די בלוט פונ׳ם אויסגעפּייניגטען יידישען קערפּער. און כאָטש ס׳איז דערווייַלע נאָך ניטאָ קיין אָרדענונג אינ׳ם רוסישען לאַנד, אָבער פריהער אָדער שפּעטער מוז די אָרדענונג קומען און וועט קומען, וואָס פאַר אַ זיגזאַגען די רוסישע רעוואָלוציע זאָל ניט מאַכען, איין זאַך איז אָבער קלאָר: קיין אומקער צום עבר איז ניטאָ און וועט ניט זיין.

אויך פאַר אונז יידען איז אויפגעגאַנגען דער מאָרגענשטערן פון אַ נייעם לעבען. געוויס גייט דאָ ניט די רייד וועגען דער עמאַנסיפּאַציע. דער לאָזונג פון רעכט אויף זעלבסטבאַשטימונג פון די פעלקער, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרען דורך דער רוסישער דעמאָקראַטיע, מוז אויך די יידען ווייזען אַ גלייכבאַרעכטיגטען אָרט צווישען אַלע איבעריגע פעלקער, מוז דעם גע׳רודפ׳טען פאָלק געבען אַ זיכערען לעבען און פאָרבערייטען אים צו אַ בעסערען עתיד.

אַזוינע היסטאָרישע מאָמענטען חזר׳ן זיך ניט איבער און ס׳איז נויטיג, ס׳זאָל זיך אויפוועקען דער באַוואוסטזיין פון אונזער פאָלק, ער זאָל אויפוואַכען פונ׳ם הונדערטיאָריגען שלאָף, אַז דער געוועזענער אָדלער, וואָס האָט אַמאָל געשוועבט אין די הימלען, זאָל זיך טאָן אַ גייסטיגען הייבאויף, זאָל זיך אַרומקוקען אַרום און אַרום, ער זאָל אַריינדרינגען דעריין, וואָס ס׳קומט פאָר אַרום אים, ער זאָל איבערשאַצען זיינע ווערטען, ער זאָל אויפזאַמלען דעם גאַנצען כח פון זיין געניע, ער זאָל אויפזאַמלען דאָס אַלץ, וואָס ער האָט אָנגעוואָרען אין משך פון די לאַנגע יאָרהונדערטער פון נע־ונד־זיין און רדיפות און זאָל אויפשטיין תחית־המתים צו אַ נייעם פרייען לעבען. אינ׳ם איצטיגען מאָמענט מוזען מיר זיך פילען ניט בלויז ווי יידען, נאָר מיר מוזען זיך פילען אויך ווי מענשען גלייכע מיט אַלעמען, מיר מוזען זיך פילען ווי אַ נ אַ צ י ע גלייך צו אַלע. און אויב מיר פאַרלאַנגען דאָס ערנסט, דאַן מוזען מיר קודם־כל זיך אַליין העלפען דורכלייגען אַ וועג צו אַ באַוואוסטזיניגען נאַציאָנאַלען קיום, ניט פאַרלאָזענדיג זיך אויף די עדעלקייט פון אונזערע שכנים. איצט איז געקומען די צייט פאַר אַנטשלאָסענע און אַנטשיידענדיגע מעשים, פאַר ענערגישער אַרבייט אינעווייניג אין פאָלק, פאַר אַ ברייטער איניציאַטיוו פאַר׳ן נאַציאָנאַלען זעלבסטבאַוואוסטזיין.

---

* * *

די יידישע דעמאָקראַטיע נעמט אָן וועגען דער פראַגע פונ׳ם עתיד פון ליטע די דאָזיגע דעקלאַראַציע, וואָס איז אונטערגעשריבען געוואָרען פון די ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע און דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס פון דער שטאָט ווילנע:

„די אונטען־אונטערגעשריבענע סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס — נאָכ׳ן באַטראַכטען דעם פּאָליטישען מצב, וואָס איז געשאַפען געוואָרען אין ליטע און בעלאָרוסיע אין צוזאַמענהאַנג מיט׳ן נאָהענטען סוף פון דער מלחמה און מיט׳ן אָנהייב פון די אונטערהאַנדלונגען וועגען שלום — פּראָקלאַמירען די דאָזיקע דעקלאַראַציע:

פאַר אַ יסוד פון רעגולירען דעם קומענדיגען גורל פון ליטע און ווייסרוסלאַנד, ווי אויך פון אַנדערע קאַנטען, אָנערקענען מיר דאָס אַיינגעבאָרענע רעכט פון אַלע פעלקער און מדינות אַליין צו אַנטשיידען זייער גורל. מיר זיינען פעסט זיכער, אַז דער דאָזיגער לאָזונג, וואָס איז אַרויסגעשטעלט פון דער דעמאָקראַטיע און וואָס איז שוין אָפיציעל אָנערקענט דורך די רעגירונגען, וועט ביים סוף פון דער מלחמה דורכגעפירט ווערען אין לעבען. אָנשפּאַרענדיג זיך אויפ׳ן באַוואוסטזיין און אויפ׳ן רצון פון די אַרבייטענדיגע מאַסען, שטעלען מיר אַרויס אונזערע פּאָליטישע, געזעלשאַפטליכע און נאַציאָנאַלע פאָדערונגען:

1) ביים באַשטימען די טעריטאָריע פון אונזער קאַנט, וואָס פאַר זיין קערן ביז היינט דאַרף מען אָנערקענען דעם איצט אָקופּירטען טייל פון ליטע און ווייסרוסלאַנד, דאַרפען די ענדגילטיגע גרעניצען אַיינגעשטעלט ווערען אין שייכות פונ׳ם גאַנצען סכום אַלגעמיינע באַדערפענישען און עקאָנאָמישע, געזעלשאַפטליכע, און קולטורעלע אינטערעסען, וועלכע קענען אויסגעדריקט ווערען אין דער פּאָליטישער שטרעבונג פונ׳ם איבעריגען טייל צו דער גאַנצקייטליכער פאַראייניגונג.

2) די פּאָליטישע אַיינאָרדענונג פון ליטע און ווייסרוסלאַנד מוז שטיין בהסכם מיט די אינטערעסען פון די פאָלקסמאַסען מיט דער גאַראַנטיע פון די רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינאָריטעטען (פּערסאָנאַלע אַווטאָנאָמיע) און מוז זיך אויסדריקען אין אַ מלוכה־שאַפטליכער אָרגאַניזאַציע, וואָס ענטפערט די אייגענאַרטיגע לעבענס־תנאים פונ׳ם קאַנט. — אין אַ פאָרם פון אַ דעמאָקראַטישער רעספּובליקע.

3) אַלס איינציגער יורידיש־מעכטיגער אויסדריקער פונ׳ם רצון פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פונ׳ם קאַנט ביים פּסק׳ענען די שאלות וועגען דעם קומענדיגען גורל, וועגען די גרעניצען, וועגען די באַציהונגען צו די שכנות׳דיגע קאַנטען און וועגען די פאָרמען פון דער מלוכה־שאַפטליך־רעכטליכער אָרגאַניזאַציע פון ליטע און ווייסרוסלאַנד מוז זיין אַ קאָנסטיטואירענדיגער סיים, אויסגעקליבען דורך דער גאַנצער באַפעלקערונג פונ׳ם קאַנט, אָהן אונטערשייד פון געשלעכט, רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט, אויף די יסודות פון אַלגעמיינער, דירעקטער, גלייכער און געהיימער אָפּשטימונג מיט אַ פּראָפּאָרציאָנעלער פאַרטרעטונג, מיטן תנאי, אַז ס׳זאָלען דערווייטערט ווערען פונ׳ם קאַנט די אָקופּירענדיגע מאַכט און אַלע פאַקטאָרען פון אַן אויסווייניגסטען דרוק. דער דאָזיגער תנאי וועט גאַראַנטירען די פולקייט פון די פּאָליטישע פרייהייטען (פּערזענליכע, נאַציאָנאַלע און בירגערליכע).

4) כל׳ערליי אָפּמאַכונגען, קאָנטראַקטען און אַרויסזאָגונגען פון רצון אין נאָמען פונ׳ם קאַנט, וואָס ווערען געמאַכט דורך דער ל י ט ו י ש ע ר ר אַ ד ע, אָדער דורך אַנדערע בעזונדערע גרופּעס און אינסטיטוציעס, מוזען זיך רעכענען פאַר אַ פאַרכאַפּונג פון רעכט, וואָס געהערן זיי ניט, פאַר אַ פאַלסיפיצירונג פון דער געזעלשאַפטליכער מיינונג און פאַר אַקטען, וואָס זיינען בשום אופן ניט קיין חוב פאַרן קאַנט.

נעמענדיג דאָס אַלץ אין זינען, פּראָטעסטירען מיר מיט דער גאַנצער ענערגיע קעגען די באַמיהונגען פון דער דייטשער מאַכט צו באַגרינדען זיך אין דער צייט פונ׳ם פירען די אונטערהאַנדלונגען וועגען שלום אויף דער מיינונג פון אינסטיטוציעס, וואָס זיינען ניט באַפולמעכטיגט אויף דער פאַרטרעטונג פונ׳ם קאַנט".

די ווילנער אָרגאַניזאַציעס:

רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי.
פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען.
סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון ליטע.
דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד אין רוסלאַנד, פּוילען און ליטע („בונד")

בעלאָרוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ארבעטער־פּאַרטיי.

פּוילישע סאָציאַליסטען.

ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ארבעטער־פּאַרטיי („פּועלי ציון“).

בעלאָרוסישע סאָציאַליסטישע גראַמאַדע.

ייִדישער דעמאָקראַטישער פאַראיין.

פּוילישע דעמאָקראַטישע פּאַרטיי.

דערבּיי מעלדעט דער ייִדישער דעמאָקראַטישער פאַראיין קלאָר און ניט צווייטייטיג, אַז נעמענדיג אין אַכט די לעבּענס־אינטערעסען פונ׳ם זעקסמיליאָניגען ייִדישען פאָלק, וואַרפט זי אָפּ יעטווידען געדאַנק וועגען דער אָריענטאַציע צו דער זייט פון דייטשלאַנד, ראשית, מחמת דאָס איז אַ לאַנד, וואו דאָס ייִדישע פאָלק איז ניט אָנערקענט אין זיינע נאַציאָנאַלע רעכט, והשנית ווייל אויב ליטע וועט אַרונטערפאַלען אונטער דער עקאָנאָמישער השפעה פון דייטשלאַנד, וועט זי מגולגל ווערען אין דייטשלאַנדס אַ מין קאָלאָניע, פון וועלכער די שטאַרק אַנטוויקעלטע דייטשע אינדוסטריע וועט אויסזויגען אַלע רייכטימער, ברענגענדיג דעם עקאָנאָמישען קיום פון לאַנד צו אַ קלאָגעדיגען מצב. וואָס אָנבּאַלאַנגט דער אינדיווידועלער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די פעלקער פון ליטע, שטייט זי פאַר אַ סכנה איינגעשלונגען צו ווערען פון דער שטאַרקערער דייטשער קולטור. אין דער שטרעבּונג אָבּער צו די אַלמענשליכע אידעאַלען מוז יעדער אָריגינעלער פאָלק, פאַרקערט, געבּען דער מענשהייט דאָס, וואָס ס׳איז פאַרבּאָרגען אין די כוחות פון זיין רוחניות׳דיג־מאָראַלישער נאַטור, און די פאָלקסשאַפונג איז — דער לעצטער ציל, צו וועלכען מיר שטרעבּען.

די דייטשע אָקופּירענדיגע מאַכט האָט אין ליטע בּאַגעגענט אַ בּאַפעלקערונג גאָרניט קיין פיינדליך געשטימטע צו איר, אָבּער די דאָזיגע מאַכט האָט מיט איר אַכזריות׳דיגער בּאַציהונג צו דער בּאַפעלקערונג אויסגעגראָבּען אַ טיפען תהום אינם זין פון אַן אָריענטאַציע צו דער זייט פון דייטשלאַנד. אין דער פראַגע פון פראָוויאַנטירונג און אויפ׳ן געביט פון פאַרוואַלטונג האָבּען די רשעות און געוואַלט־מעשים פון די אָקופּירענדיגע שררות בּולט אָפּגעמאָלט דעם אמת׳ן פּנים און מהות פונ׳ם פּרייסישען קלאַס טשינאָווניקעס און דער קולטורעלער לעבּען פונ׳ם קאַנט איז לגמרי דערשטיקט געוואָרען. ס׳זיינען פאַרמאַכט געוואָרען אַ פּולע פאָלקסשולען, די קינדער זיינען צוטריבּען געוואָרען און די לערער האָבּען געהאַט אויסצושטיין רדיפות. ס׳האָבּען זיך געעפענט בּלויז יענע שולען, וואו די לערער זיינען געווען דייטשע אינוואַלידען און וואו דער לימוד פון דער דייטשער שפּראַך האָט זיך געמוזט אָנהויבּען שוין פון ערשטען שוליאָר אין פריהען 6־יאָריגען קינדערשען עלטער, ווען דעם קינד איז שווער אויסצולערנען אַפילו בּלויז די אייגענע מוטערשפּראַך. וועגען דער פּאָליטיק פון די דייטשע שררות בּנוגע דער ייִדישער בּאַפעלקערונג פון פּוילען און ליטע וועלען מיר דאָ ניט ריידען, מחמת שוין צופיל בּיטערקייט, צער און צאָרן האָט די דאָזיגע פּאָליטיק איבּערגעלאָזען אין אונזער נשמה. און חאָטש מיר מישען ניט צונויף דעם דייטשען פאָלק מיט דער אָקופּירענדיגער מאַכט, פונדעסטוועגען וואָלט די אָריענטאַציע צו מערב געווען פאַר ליטע אַלץ איינס ווי מאַכען פון איר אַזוי אָדער אַנדערש אַ פּרייסישע פּראָווינץ, און די ייִדישע דעמאָקראַטיע, וואָס וויל, אַז ליטע זאַל זיין אַן עקאַנאַמיש בּליהענדיגע און קולטורעל און פּאָליטיש זעלבּשטענדיגע לאַנד, וועט ניט אַראָפּגיין פון איר ריכטיגען וועג.

די ייִדישע דעמאָקראַטיע וואַרפט אויך אָפּ יעטווידען געדאַנק וועגען אַ אוניע (פאַראייניגונג) מיט פּוילען, ערשטענס דערפאַר, ווייל עקאָנאָמיש האָט ליטע קיינמאָל ניט געצויגען צו פּוילען, און צווייטענס מחמת דער געזעלשאַפטליכער אַנטיסעמיטיזם האָט דאָרטען געלאָזען צו טיפע וואָרצלען אין אַלע שיכטען פון דער געזעלשאַפט, ניט אַרויסגענומען פון כלל אַפילו די לינקע עלעמענטען. אַ בּולט קלאָרען בּיישפּיל קאָן אין דעם פּרט געבּען די פּראָגראַמע פון דער לינקער פּויליש־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (P.S. D. na litwy), וואָס איז אַרויסגעגעבּען אין ווילנע אין מאַרט 1917, אין דער דאָזיגער פּראָגראַמע איז דער ייִדישער פאָלק לגמרי ניט דערמאָנט און ניט אָנערקענט פאַר אַ נאַציאָנאַליטעט. זי איז אינגאַנצען איגנאָרירט אין אַלע פראַגען פון לעבּען אַזוי ווי אין ליטא וואָלט קיין ייִדען ניט געווען. דער געראַנגעל פון די אָפּיציעלע קרייזען אין פּוילען מיט די ייִדישע קולטורעלע אינסטיטוציעס און דער פאַקט, וואָס די פּאָליאַקען בּאַרויבּען פון די ייִדען די מיטלען צו עקסיסטירען, שילדערן אונז אין דער פולער מאָס דעם דאָרטיגען מצב פון אונזער פאָלק, און קיין צווייטע רומעניע ווילען מיר ניט האָבּען.

די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּערספּעקטיווען בּאַוועגען די ייִדישע דעמאָקראַטיע קלאָר צו בּאַשטימען איר בּאַציהונג צו דער רוסלענדישער דעמאָקראַטישער רעספּובּליקע און צו זאָגען, אַז בּלויז אין פעדעראַציע מיט איר ליגט די צוקינפטיגע עקאָנאָמישע בּליהונג און קולטורעלע אַנטוויקלונג פון ליטע.

ליטע האָט ניט קיין אייגענעם דאָנעצער בּאַסיין, קיין אייגענעם אוראַל, קיין אייגענע נאַפט־קוואַלען. און די אינדוסטריע, וואָס איז פאַרהאַן אין ליטע, וועט אָפּגעשוואַכט און צונישט ווערען אָהן אַ מאַרק אויף אויסצוברענגען אירע אייגענע פאַבּריקאַטען און ניט בּאַקומענדיג קיין רויע מאַטעריאַלען.

דער ייִדישער פאָלק איז פאַרבּונדען מיט ליטע אַ משך פון אַ לאַנגער ריי יאָרהונדערטער. דער נאָמען „ירושלים דליטא“, וואָס די ייִדען האָבּען געגעבּען ליטעס הויפּטשטאָט, איז ניט קיין צופעליגע ערשיינונג, נאָר ער דערווייזט די אמת׳ע גייסטיגע פאַרבּונדענקייט אונזערע מיט׳ן דאָזיגען לאַנד און ווי טייער ס׳זיינען אונז די אינטערעסען פון דער מדינה. מיר זיינען דאָ ניט קיין צופעליגע געסט, וואָס דער עתיד פון ליטע קען זיי ניט אינטערעסירען, נאָר מיר זיינען דאָ אמת׳ע איינגעזעסענע שוין זעהר־זעהר לאַנג. מיר זיינען צוגעוואַקסען צו די דאָזיגע שטעט און שטעטלעך און צום גאַנצען סדר און אופן פון לעבּען אין דער דאָזיגער מדינה. דער ייִדישער פאָלק אין צוזאַמענאַרבּעט מיט די איבּעריגע פעלקער פון ליטע וועט אַרבּעטען אויפ׳ן געבּיט פון עקאָנאָמישער און קולטורעלער אַנטוויקלונג און בּליהונג פון דער צוקינפטיגער פרייער ליטע, פון דער צוקינפט׳גער ליטווישער דעמאָקראַטישער רעספּובּליקע.

בּנוגע דער פראַגע וועגען דורכפירען און פאַרטיידיגען די קאָאַליטיווע נאַציאָנאַלע אינטערעסען, פאָדערט די ייִדישע דעמאָקראַטיע:

1) גלייכבאַרעכטיגונג פון דעם יידישען לשון מיט די לשונות פון די איבעריגע נאַציאָנאַליטעטען אין אַלע מלוכה׳שאַפט-ליכע און געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס און בתי-משפטים.

2) פּראָפּאָרציאָנעלע פאַרטרעטונג אין אַלע קאָנסטיטו-אירענדיגע, געזעצגעבערישע, געריכטליכע און געזעלשאַפט-ליכע אינסטיטוציעס פון דער ליטווישער דעמאָקראַ-טישער רעספּובליקע.

3) פּראָפּאָרציאָנעלע פונאַנדערטיילונג פון די ביודזשעט-מיטלען אויף קולטורעלע און אַנדערע נאַציאָנאַלע הצטרכות׳ן.

4) פּראָפּאָרציאָנעלע גלייכבאַרעכטיגטע אָנטיילנעמונג אין די עקזעקוטיווע אָרגאַנען פון דער מלוכה׳שאַפטליכער מאַכט.

און 5) פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע פון׳ם יידישען פאָלק, ד. ה. פולקומענע אויטאָנאָמישע זעלבסטפאַרוואַלטונג אין אַלע עניינים, וואָס זיינען שייך דעם קולטורעלען און סאָציאַלען לעבען פון די יידען. דערביי מוז די דאָזיגע אויטאָ-נאָמיע זיין געבויט אויף די פאָלגענדע יסודות און אויסדריקען זיך אין די דאָזיגע פונקציעס:

1) די נאַציאָנאַל-קולטורעלע אינסטיטו-ציעס פאַר יידען:

די אָרטיגע יידישע נאַציאָנאַל-קולטורעלע אינסטיטוציע איז די קהלה, וואָס דאַרף פאַרוואַלטעט ווערען אויף דעמאָקראַטישע יסודות. די יידישע קהלות פאַראייניגען זיך אין אַ לאַנד-אָרגאַניזאַציע.

אונטער דער הנהגה פון דער קהלה גייט אַרונטער:

א) די פאָלקס-בילדונג; ב) צדקה; ג) די פאָלקס-געזונטקייט; ד) ביבליאָטעק, טעאַטער, מוזייען און אַלע אַנדערע אינ-סטיטוציעס.

2) מיטלען צום אויפבוי און צו דער אַנטוויק-לונג פון׳ם עקאָנאָמישען לעבען פון די יידען:

א) רעגיסטראַציע פון די היזקות, וואָס די יידישע בעל-הבתישקייט האָט געליטען פון דער מלחמה און מחמת דער מלחמה.

ב) אויספאָרשונג פון׳ם מצב פון דער יידישער מלאכה און מסחר.

ג) אויסזוכען מיטלען, ווי צו באַפרידיגען פאַר די היזקות: הלוואות און צינזען-קרעדיט אויף לאַנגע דאַטעס און אַז. וו.

ד) טעכנישע, קאָמערציעלע און לאַנדווירטשאַפטליכע בילדונג, אויסשטעלונגען פון מוסטערן, מוזייען א. אַז. וו., קעגענזייטיגע הילף, קאָאָפּעראַציעס, גרינדונג פון פּראָפּעס-יאָנעלע פאַראיינען פון סוחרים, בעלי-מלאכות און אַרבעטער.

ה) די מיטלען צו אַנטוויקלען די לאַנדווירטשאַפט ביי יידען: אָרגאַניזאַציע פון אַגראָנאָמישער הילף און היפּאָטעקען-קרעדיט.

אין פונקט 3 פון דער דערמאָנטער דעקלאַראַציע איז אונטערגעשטרייכט, אַז דער אויסדריקער פון׳ם רצון פון די פעלקער פון ליטע קען זיין נאָר אַ קאָנסטיטואַנטע, וואָס איז אויסגעקליבען אויף דעמאָקראַטישע יסודות. וועגען דעם אופן פון די בחירות וועט די יידישע דעמאָק-ראַטיע אין דער נויטיגער צייט געבען ערקלערונגען, אָבער אין איצטיגען מאָמענט, איז נויטיג צו וויסען, אַז די באַפעלקערונג טאָר זיך ניט באַטייליגען אין קיין שום אַרומ-פרעגענישען, אָפּשטימונגען, וואָס האָבען אַ שייכות צום עתיד פון ליטע, און אַז בלויז, בעת ס׳וועלען מקוים ווערען אַלע פרייהייטען, און די אָקופּירענדיגע מאַכט וועט אומגעביטען ווערען אויף דער מאַכט פון׳ם פאָלק, וועלען מיגליך זיין די בחירות אין דער קאָנסטיטואַנטע, וואָס בלויז זי איינע אַליין קען אָפּפּסק׳ענען דעם גורל פון ליטע.

דער נאָך ניט איינגעאָרדענטער אינעווייניגסטער לעבען פון רוסלאַנד שרעקט אָפּ געוויסע שרעקעדיגע עלעמענטען פון אונזער געזעלשאַפט. די יידישע דעמאָקראַטיע קוקט ניט אַזוי פּעסימיסטיש אויפ׳ן עתיד פון רוסלאַנד. די אמת׳ע דעמאָקראַטיע פון רוסלאַנד וועט זיין ביכולת גובר צו זיין אַלע שוועריקייטען און מניעות פון׳ם היינט און וועט אַרויספירען איר לאַנד אויפ׳ן וועג פון אָרדענונג און פּראָגרעס.

די יידישע דעמאָקראַטיע פּראָטעסטירט באַזונדערס קעגען דער אוזורפּאַציע פון די רעכט פון די פעלקער פון ליטע, פון וואַנען זי זאָל ניט אַרויסגיין. דער אַזוי גערו-פענער „ליטווישער לאַנדעסראַט״ איז אַ פּאָליטישע פאַל-סיפיקאַציע פון די דייטשע שררות אין אַ בונד מיט די קורצזיכטיגע און קלעריקאַלע פּאָליטיקער פון׳ם ליטווישען פאָלק. דער ליטווישער פאָלק איז טיף דעמאָקראַטיש און וועט אויף אַ געהעריגען אופן קענען צושלאָגען צום שאַנד-סלופּ די דאָזיגע פּאָליטישע שפּיל, וואָס איז געשאַפען גע-וואָרען אָהן זיין ווילען.

וואָס איז שייך די ניט-געבעטענע מי-שמך-דיגע פּאָלי-טיקער פון׳ם יידישען פאָלק, פּראָטעסטירט די יידישע דעמאָקראַטיע ענערגיש קעגען דעם פאַרכאַפּען די רעכט פון׳ם פאָלק און קעגען די אַלטע מנהגים פון פּאַרטיידיגען זייערע אינטערעסען. דער עניין פון׳ם פאָלק מוז געפירט ווערען ביים ליכט פון טאָג און קודם-כל דורכ׳ן פאָלק גופא, דורך די אמת׳ע פאָרשטייער זיינע.

צום סוף מעלדעט די יידישע דעמאָקראַטיע מיט התלהבות, אַז זי האַלט דעם ברידערליכען צוזאַמענלעבען פון די פעלקער פון ליטע פאַר דער בעסטער ערבות פאַר׳ן גליקליכען עתיד פון דער ליטווישער דעמאָקראַטישער רעספּובליקע. דער אַכטען די רעכט פון יעט-ווידער נאַציאָנאַליטעט, דער פאַרשטיין איינער דעם אַנדערן, די באַציהונג פון אַ גלייכען צו אַ גלייכען — אָט דאָס איז אונזער לאָזונג, מיט וועלכען מיר מוזען אָהן אויפ-הער און ניט איינגעמאַטערט גיין.*)

ווילנע, יאַנואַר 1918.

* *
*

אָפיציעל האָט נאָך דער קולטור-פאַראיין עקסיסטירט דעם גאַנצען 1918-טן יאָר, פאַקטיש אָבער איז דאָס שוין געווען אַ אינ סטיטוציע פון דער יידישער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין ליטע.

*) די בראָשור איז אָנגעשריבן געוואָרן אין רוסיש און איבער-וועצט געוואָרן אין יידיש פון א. י. גאָלדשמידט.



ה. מלמד.

# יידישע קאאפעראציע אין ווילנע.

## I. אקופאציע=קאאפעראטיוון.

„וואו זיינען אייערע קאָנסום=פאַראיינען?" דאָס איז געווען די ערשטע פראַגע און אין דער זעלבער צייט אויך דער ענטפער, וואָס די דייטשן האָבן געגעבן, ווען מען האָט זיך זיי גענומען קלאָגן אויפן הונגער. זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט, אַז ווילנע האָט גוט אָרגאַניזירטע קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע וועלן שוין באַקעמפן דעם יקרות און העלפן דער באַפעלקערונג אין דער דערנערונגס=נויט, יעדנפאַלס צונעמען און פאַרטיילן די פראָדוקטן, וואָס די מאַכט וועט זיי געבן.

אין אמתן אָבער האָט די יידישע ווילנע צום אָנהייב פון דער דייטשער אָקופּאַציע ניט געהאַט קיין איין קאָנסום=פאַראיין און בכלל איז קיין קאָאָפּעראַציע אין ווילנע כמעט ווי ניט געווען. אַ שטאָט פון קליינהאַנדל, וואו יידישע סוחרים האָבן זיך באַנוגנט מיט אַ גראָשן פרנסה און דעם דאָזיקן גראָשן געריסן איינער פון דעם אַנדערן, — איז ניט געווען קיין פּלאַץ פאַר אַ קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. און צום מאָמענט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען דער הונגער האָט גענייט זוכן עקסטרע מיטלען, איז געקומען די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג ניט מיט איר געוויינלעכן גאַנג, טריט ביי טריט, מיט אַ קאָאָפּעראַטיוון קאַפּיטאַל, קאַמפּסלוסטיק קעגן האַנדל, נאָר אַלס מאַסן=פילאַנטראָפּישע באַוועגונג, מיט גאַנץ אייגנאַרטיקע פאָרמען פון צדקה=חברות, געמישט מיט זעלבסט=הילף. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז מערערע יידישע קאָאָפּעראַטיוון האָבן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע צוזאַמענגעמישט זייער טעטיקייט מיט דער דעמאָלט פּאָפּולערער פאַרצווייגטער געזעלשאַפט „אַחיעזר"; דיזעלבע מענטשן, דיזעלבע קאַסע און אָפט פאַרלירן זיך די גרעניצן צווישן דעם קאָאָפּעראַטיוו און דער ראַיאָן=אָפּטיילונג פון „אַחיעזר". דער יידישער עולם האָט אויפגעפאַסט דעם קאָאָפּעראַטיוו אַלס אַ הילפס=חברה און אַזוי אַרום אים צונויפגעגאָסן מיט „אַחיעזר", און ווילט איר—איז „אַחיעזר" אַ מין „פרייע" איבערזעצונג פון דעם דעמאָלט נאָך פרעמדן וואָרט „קאָאָפּעראַטיוו"; „ברידערלעכע הילף" שעפּט אויס דעם אינהאַלט, די אַנטשטייאונג און די ערשטע שריט פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

די דייטשן האָבן פאַרנומען ווילנע דעם 19 סעפּטעמבער 1915 יאָר און צום סוף פון דעם זעלבן יאָר האָבן מיר געהאַט העכער 20 יידישע קאָאָפּעראַטיוון מיט אַ צאָל מיטגלידער קרוב צו 20 טויזנט. פון אַזאַ וואוקס ווייס ניט די געשיכטע פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג און ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז דער פאַקט, וואָס די קאָאָפּעראַציע איז גלייך אויסגעוואַקסן צו דער מדרגה פון אַ פאָלקס=באַוועגונג, האָט אַריינגעטראָגן אין איר באַזונדערע שטריכן, אייגנאַרטיקע ניואַנסן.

ווי אַלע מאָל אין אַזעלכע פאַלן, איז שווער פעסטצושטעלן, ווער האָט געזאָגט דעם אַלף. ד"ר א. אָ ל ש וואַ נ ג ע ר אויף אַ זיצונג פון דעם „קאָמיטעט פאַר היימלאָזע" האָט געראָטן צו גרינדן פאַראיינען אויף איינקויפן מעל און באַקן ברויט; און אָט די פאַראיינען זיינען דאָס געווען דער גרונדשטיין פון די שפּעטערדיקע קאָאָפּעראַטיוון. אַ געוויסער י אָ ס ל איז אַוועק צום קאָמיניצקער „מורה=הוראה", ר' אַ ה ר ן, און אים „איינגערעדט" אויסנוצן זיין אַווטאָריטעט און גרינדן דעם קאָאָפּעראַטיוו „קאָמיניצקער ראַיאָן".

אָבער דער ריכטיקער, אמתער איניציאַטאָר פון דער באַוועגונג איז געווען דער הונגער און נויט, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן גלייך ווי די דייטשן זיינען אַריין קיין ווילנע. מיט אַמאָל זיינען איבערגעריסן געוואָרן די פאַרבינדונגס=פעדים מיט דער אַרומיקער וועלט. אַ באַפעלקערונג פון העכער הונדערט טויזנט מענטשן איז פאַרשפאַרט געוואָרן אין אַ שטאָט, וואו ס'איז פאַרווערט דער אַריינפיר און אַרויספיר. די באַציאונגען מיט דער רוסישער אַרמיי, וועלכע האָבן אַזוי אָדער אַנדערש די לעצטע צייט געהאָלפן שפּייזן די ציווילע באַפעלקערונג, האָבן זיך איבערגעריסן, דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע לעבן פון שטאָט און לאַנד איז אויסגעריסן געוואָרן פון וואָרצל, אַלע וועגן זיינען פאַרצאַמט געוואָרן, און קיין נייע האָבן זיך ניט געעפנט—און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער שרעקלעכער הונגער, וועלכער האָט זיך געצויגן אייניקע יאָר נאָכאַנאַנד.

גלייך פון אָנהייב אָקופּאַציע זיינען אין דעם עקאָנאָמישן לעבן אַרויפגעשוואומען די ערשיינונגען, צו וועלכע מיר האָבן זיך דערנאָך צוגעוויינט און זיי גערעכנט כמעט פאַר אַ נאָרמאַלע זאַך, אָבער וועלכע שטערן נאָך עד היום דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. און דעמאָלט איז נאָך די צרה געווען פריש און מען האָט געזוכט וועגן ווי אַזוי זי אויסצומיידן. דאָס זיינען די באַגרעניצונגען פון פאַרקער, מיליטערישע רויבערייען לויט פאַראָרדענונגען און אָן פאַראָרדענונגען. די פאַראָרדענונגען און פאַרשיידענע שטערונגען צו פאָרן און פירן וואוהין מען וויל און וואָס מען וויל, איז געווען די כאַראַקטעריסטישע ערשיינונג פון יענער צייט. די מאַכט האָט פאַרשטאַנען די גוואַלדיקע באַדייטונג פון טראַנספּאָרט, האָט געוואָלט אים עקאָנאָמיזירן, רעגולירן, צום בעסטן אויסניצן און דערמיט אַליין, אַריינמישנדיק זיך אין אַ געביט, וואָס פאָדערט אַבסאָלוטע פרייהייט און איניציאַטיווע, צעשטערט דעם גאַנצן אַפּאַראַט פון פאַרקער און אַזוי=אַרום איז דער הונגער אַלץ געוואַקסן

ס'האָט זיך באַוויזן דער אָנהייב פון דעם ספּעציפישן שטאָט=הונגער, וועלכער האָט געדראָט דער גאַנצער עקסיסטענץ פון שטאָט. אין דער צייט, ווען עטלעכע ווייאָרסט פון שטאָט, אין די אַרומיקע דערפער, איז געווען צו זאַט ברויט, האָט די שטאָט געליטן הונגער, ווייל זי האָט ניט געקענט אָרגאַניזירן דעם צופיר און די מאַכט האָט געשטערט דער פריוואַטער איניציאַטיווע. דער „פרייער האַנדל" איז ניט געווען בכוח עפּעס אויפצוטאָן און דאַן איז געקומען די געזעלשאַפטלעכע הילף אין דער פאָרם פון קאָאָפּעראַטיוון.

איינער פון די ערשטע סטימולן צו גרינדן קאָאָפּעראַטיוון איז געווען די „שיינען", וואָס קאָאָפּעראַטיוון פלעגן באַקומען אויף אַריינפירן סחורה אין שטאָט. די דייטשן האָבן אַזוי=אַרום געעפנט אַ קליין פענסטערל אין דער פאַרצאַמטער יריחו, וואו ס'איז געווען „אין יוצא ואין בא", און ווען דער ערשטער קאָאָפּעראַטיוו „קאָמיניצקער ראַיאָן", האָט טאַקע מיט אַזאַ „שיין" געבראַכט מעל און פאַרקויפט ברויט, איז דאָס געווען אַזאַ נייס, אַזאַ וואונדער, וואָס אַלע האָבן זיך געכאַפּט נאָכטאָן און אין פאַרשיידענע ווינקלען פון שטאָט האָבן זיך אָרגאַניזירט אונטער

פאַרשיידענע נעמען חברות=קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע האָבן באַקומען שיינען, אַיינגעקויפט קאָרן, מעל, געבאַקט ברויט און פאַרקויפט די מיטגלידער.

גרויס איז געווען די נויט און נאָך גרעסער דאָס נייס אויף דער יידישער גאַס, צו גרינדן גאָר חברות ניט צום לערנען, ניט צום דאַוונען, נאָר אַיינצוקויפן תבואה און פאַרקויפן. און ס'איז אינטערעסאַנט, אַז דער עולם האָט ניט די נייע חברות געקענט אָפּשיידן פון זיינע אַמאָליקע חברות און פון די גייסטיקע פערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן אים אַרומגערינגלט. דער קאָאָפּעראַטיוו „קאָמיניצקער ראַיאָן" איז געווען מער באַקאַנט אונטערן נאָמען „ר' אהרנס קאָאָפּעראַטיוו", ניט אַזוי צוליב דעם אָנטייל פון דעם מורה=הוראה ר' אהרן, נאָר ווייל מ'האָט געדאַרפט אַ נאָמען פון אַ רב אָדער אַן אַנדער חשובער פערזענלעכקייט, מיט וועמען צו פאַרבינדן אַזאַ אומגעוויינלעכע חברה.

ענג פאַרבונדן מיט די שוועריקייטן פון טראַנספּאָרט איז געווען נאָך אַ ערשיינונג, וועלכע האָט באַרעכטיקט און אַרויסגערופן צום לעבן די קאָאָפּעראַטיוון, דאָס איז די אַזוי=גערופענע ספּעקולאַציע, דער ש מ ו כ ל, וואָס האָט די גאַנצע צייט באַגלייט דעם הונגער און אויף דעם בלאַסן פּנים פון הונגער=סקעלעט געלייגט אַ שענדלעכע געלע לאַטע...

די גאַנצע יוגנט=קראַפט פון אייראָפּע איז אָפּגעריסן געוואָרן פון דער פרידלעכער אַרבעט און אַוועקגעשטעלט אונטער ביקס, די פּראָדוקציע פון לעבנסמיטלען איז פיל פאַרקלענערט געוואָרן, פון דער אַנדער זייט האָט זיך די גאַנצע פיזישע און גייסטיקע קראַפט פון מיליאָנען מענטשן, פון פאַרשיידענע פעלקער, געוואָרפן זיך צו פאַרניכטן, אומצוברענגען האָב און גוטס, וואָס דורות האָבן אָנגעזאַמלט. איז קיין וואונדער ניט, אַז באַלד האָט מען גענומען פילן אַ מאַנגל אין פּראָדוקטן. דערצו האָבן אַלע מלוכות פאַרגרעסערט זייער עמיסיע, מאַנכע האָבן אַרויסגעלאָזן ספּעציעלע מלחמה=געלט; די דייטשן האָבן אין ליטע אַרויסגעגעבן ספּעציעלע „אָסט"=באַנקנאָטן. דער ווערט פון פּאַפּירגעלט איז דעריבער געוואָרן פיל קלענער, די נייטיקע פּראָדוקטן איז געוואָרן „פאַר געלט ניט צו קריגן", די וואָס האָבן געהאַט געלט האָבן עס ניט געהאַלטן, נאָר געוואָרפן אויפן מאַרק, אויסגעביטן אויף סחורה. יעדער בעל=הבית פאַר זיך האָט געזוכט מאַכן וואָס מער זאַפּאַסן, אַזוי איז געוואַקסן דער יקרות און מיט אים איז אויך אַלץ געוואַקסן דער טייל פון דער באַפעלקערונג, וואָס האָט געליטן הונגער. ס'איז געוואָרן אַ ע ו ל ם ה פ ו ך: קרעמער, סוחרים, וועלכע האָבן פריער געשטרעבט וואָס מער צו פאַרקויפן, וואָס גיכער אויסצובייטן זייער ס ח ו ר ה אויף געלט, האָבן איצטער דווקא געוואָלט פאַרקויפן וואָס ווייניקער, האַלטן ביי זיך דעם פּראָדוקט וואָס לענגער. ס'האָט זיך צום ערשטן באַוויזן דער דעמאָלט משונהדיקער פאַקט, אַז אַ סחורה אַנגראָ קאָסט מער, טייערער ווי אין דעטאַל, אין איינצל=פאַרקויף. קרעמער האָבן אַראָפּגענומען זייערע אויסשטעלונגען, ניט צו ווייזן וואָס מער, אָפּטמאָל אַפילו מער—וויפיל זיי האָבן געהאַט, נאָר פאַרקערט—וואָס ווייניקער, פאַררוקן ערגעץ ווייט די סחורות, קיינער זאָל זיי ניט זען און ניט באַקומען. דאָס זיינען אַלץ סתירות קעגן די פּרינציפּן פון פרייען האַנדל, דער האַנדל האָט אָנגעוואָרן זיין באָדן, די אָפּנאַרעריי פון הענדלער איז באַשטאַנען אין דעם, אַז ער האָט גאָר קיין סחורה ניט, ווען אין דער אמתן זיינען נאָך געווען היבש זאַפּאַסן. די קאָנקורענץ האָט זיך געפּעלט פון זיך אַליין...

און דעמאָלט איז אַרויסגעטראָטן דער געזעלשאַפטלעכער האַנדל,—די קאָאָפּעראַציע: ניט פאַרקויפן פּראָדוקטן, נאָר פאַרטיילן זיי. נאָרמירן די פּראָדוקטן צווישן דער באַפעלקערונג איז אַן אַרבעט פאַר אַ געזעלשאַפטלעכער עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע און



דאָס איז געווען די ערשטע אַרבעט פון די קאָאָפּעראַטיוון. דערנאָך זיינען די קאָאָפּעראַטיוון אַריבער צו זעלבשטענדיקע קניות, דאָס איז שוין אָבער געווען אַ שפּעטערדיקע זאַך.

די פּרייזן פון די פּראָדוקטן האָבן דאָ געשפּילט געוויינלעך אַ גרויסע ראָלע; מען האָט נאָך געמיינט, אַז די קאָאָפּעראַטיוון וועלן אָפּהאַלטן דעם וואוקס פון די פּרייזן, וואָרים אויב אין דעם יקרות זיינען שולדיק די שלעכטע מענטשן, זייער בייזער ווילן וואָס מער צו פאַרדינען, דאַרפן דאָך די קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע יאָגן זיך ניט נאָך פאַרדינסט, פאַרקויפן ביליג. און דאָ קען מען זאָגן, אַז די קאָאָפּעראַטיוון זיינען געפאַלן אין קאַמף, דער יקרות איז געוואַקסן אין די קאָאָפּעראַטיוון גופא און זיי האָבן ניט געהאַט קיין כוח זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם געוואַלטיקן מעכטיקן שטראָם, וועלכער האָט זיך צעגאָסן איבערן גאַנצן שטח פון דער גרויזאַמער מלחמה. דער שמוכל, וועלכער האָט זיך דאַן אָנגעהויבן, האָט זיך אויך אַריינגעריסן אין די קאָאָפּעראַטיוון גופא. מען האָט עקספּלאָאַטירט די „רעכט", וואָס די קאָאָפּעראַטיוון האָבן געהאַט, מענטשן, וועלכע זיינען געשטאַנען נאָענט צו די קאָאָפּעראַטיוון, האָבן אויסגענוצט די „פּריווילעגיעס" פאַר אייגענע צוועקן, אין טומל האָבן זיך געגרינדעט אָרגאַניזאַציעס מיטן ספּעציעלן צוועק פאָרויס אויסצוניצן די רעכטלעך פּריווילעגירטע לאַגע פון די קאָאָפּעראַטיוון, אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס האָבן ווייניק געהאַט אין זינען דעם געברויכער. מיט דער צייט האָבן די פּריוואַטע צילן אין אַזעלכע קאָאָפּעראַטיוון געקראָגן די אייבערהאַנט. דאָס האָט געוואָרפן דעם אַווטאָריטעט פון די קאָאָפּעראַטיוון און די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער אומנאָרמאַלער ערשיינונג פילן מיר נאָך עד=היום.

דער מיטגלידס=אָפּצאָל אין די קאָאָפּעראַטיוון, דער „פּאַי", איז געווען פון 15 ביז 35 רובל; דער פּאַי=קאַפּיטאַל איז אָבער געווען קלענער, ווי דאָס האָט געדאַרפט אויסקומען לויט דער צאָל מיטגלידער און דאָס איז דערפאַר, ווייל אַ סך מיטגלידער האָט מען לכתחילה אָנגענומען אומזיסט. לכתחילה ווירקלעך לשם מצווה, דערנאָך אָבער האָט דאָס געבראַכט צו מיסברויכן, מען פלעגט פאַרשרייבן טויטע נפשות און באַקומען אויף זייער רעכענונג פּראָדוקטן. דאָס האָט אויך אַ איבעריקן מאָל אונטערשטרייכט דעם פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער פון דער גאַנצער אַרבעט. דער עולם האָט געקוקט אויף דעם קאָאָפּעראַטיוו ווי אויף אַ צדקה=חברה און אַריינגעפירט אין דער אַרבעט די מנהגים און מעטאָדן פון צדקה=חברות.

דאָס רוב קאָאָפּעראַטיוון האָבן זיך געגרינדעט סוף 1915 מיט אַ צאָל מיטגלידער פון 100 ביז 200, זיי זיינען אָבער באַלד אויסגעוואַקסן און ביי אייניקע איז די צאָל מיטגלידער דערגאַנגען ביז 2000.

די פאַרשיידענע נעמען פון די אָרגאַניזאַציעס, וועלכע דערמאָנען די שפּראַך פון ווילנער שולהויף, ווייזן אונז די פאַרשיידענע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס זיינען געווען אַריינגעצויגן אין דער באַוועגונג. אייניקע פון זיי מיט ריין געזעלשאַפטלעכע צילן, אַנדערע געגרינדעט און אויסגעניצט צוליב פערזענלעכע צוועקן, איז דער הצד השוה שבהם געווען דאָס, וואָס זיי זיינען אין קיין פאַל ניט געווען קיין קאָאָפּעראַטיוון אין מאָדערנעם אייראָפּעאישן זין, נאָר איינפאַכע צדקה=חברות מיט דעם באַזונדערן ווידערטעם, וואָס די מלחמה האָט אַריינגעטראָגן אין יעדער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פון יענער טרויעריקער צייט.

די אַלע קאָאָפּעראַטיוון זיינען געווען פאַראייניקט אין אַ צ ע נ ט ר אַ ל = פ אַ ר ב אַ נ ד, בראש פון צענטראַל=פאַרבאַנד איז געשטאַנען ד"ר ר אָ ם. דער צענטראַל=פאַרבאַנד האָט געהאַט די

| № | נאָמען פון קאָאָפּעראַטיוו. | ווען געגרינדעט. | מיטגלידס-אָפּצאָל | צאָל מיטגלידער. | פּאַי-קאַפּיטאַל. | אומזאַץ-קאַפּיטאַל |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | סאַראָוויער . . . . . | 19.5 1/12 | $37^{50}$ | 1500 | 6788 | 9625 |
| 2 | קאַמניצקער . . . . . | 1/10 " | 30 | 2100 | 10556 | 6800 |
| 3 | „בית-לחם" . . . . . | 1/10 " | 30 | 600 | 3342 | 3500 |
| 4 | „טהרת-קדש" . . . . | 6/1 " | $37^{50}$ | 850 | 1681 | 3500 |
| 5 | שקאָפּלערנער . . . | 11/11 " | 30 | 1000 | 1000 | 3000 |
| 6 | ווילקאָמירער . . . | 31/10 " | 15 | 600 | 1391 | 1100 |
| 7 | ראַמיילעס . . . . . | אָקטאָבער " | 30 | 950 | 4950 | 7500 |
| 8 | גלעזער-גאַס . . . | דעצעמבער " | $37^{50}$ | 650 | 1814 | 2000 |
| 9 | זאַן . . . . . . | — | — | 439 | — | — |
| 10 | קאַלוואַריער . . . | 5/12 " | — | 650 | 2272 | 1700 |
| 11 | „עקאָנאָמיע" . . . | — | — | 518 | — | — |
| 12 | גמילות-חסד . . . | דעצעמבער " | 30 | 700 | 3095 | 1800 |
| 13 | עלישבערג . . . . | דעצעמבער " | 15 | 450 | 900 | 1000 |
| 14 | „וויקטאָריאַ" . . . | אָקטאָבער " | 30 | 660 | 3800 | 3800 |
| 15 | שניידער . . . . . | 29/11 " | 15 | 740 | 1965 | 2500 |
| 16 | פּאָפּלאַווער . . . . | אָקטאָבער " | 15 | — | 240 | 3500 |
| 17 | סובאָטש-שטראָסע . . | יאַנ.—1916 | 15 | 450 | 1365 | 1700 |
| 18 | גרינער בריק . . . | אָקט. 1915 | 37 | 500 | 1875 | 2500 |
| 19 | רודניצקע . . . . | דעצעמבער " | 17 | 300 | 1190 | 550 |
| 20 | צינאַטן מאכער . . | 28/11 " | 30 | 300 | 1300 | 2600 |
| 21 | זעלבסט-הילף . . . | 1916 1/4 | 15 | — | 1320 | 4000 |
| 22 | סטעפאַן גאַס . . . | 20/3 " | 30 | 400 | 1470 | 1530 |
| 23 | קוילן-גאַס . . . . | 5/4 " | 15 | 260 | 630 | 1300 |
| 24 | החיים . . . . . | אַפּריל " | — | 500 | 920 | 1350 |
| 25 | זאַוויל . . . . . | 6/4 " | 30 | 420 | 1400 | 1500 |
| 26 | ירושלים . . . . . | — | — | 820 | — | — |
| 27 | האַנדווערקער . . . | — | — | 1590 | — | — |
| 28 | לחם-לוקישקי . . . | — | — | 560 | — | — |
| 29 | לעדער-האַנדלונג . . | — | — | 450 | — | — |
| 30 | קאָמיסיאָנער . . . | — | — | 200 | — | — |
| 31 | עזרת-אחים . . . . | — | — | 230 | — | — |
| 32 | בית-אָסף . . . . . | — | — | 340 | — | — |

אויפגאַבע אָפּצונעמען די פּראָדוקטן פון דער דייטשער מאַכט און פאַרטיילן צווישן די איינצלנע קאָאָפּעראַטיוון לויט דער צאָל מיטגלידער, אויסערדעם פלעגט דער צענטראַל=פאַרבאַנד פון צייט צו צייט אויך אַליין אײַנקויפן און פאַרטיילן פּראָדוקטן, דאָרט פלעגן זיך צונויפקומען און טרעפן פאָרשטייער פון די באַזונדערע קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס. און ווי שוואַך און קליין ס'איז ניט געווען די פאַרבינדונג, דאָך האָט דאָס באַשאַפן אַ אילוזיע פון פאַראייניקונג, פון קאָאָפּעראַטיווער סאָלידאַריטעט.

דער צענטראַל=פאַרבאַנד האָט אויך געהאַט די אויפגאַבע צו קאָנטראָלירן די קאָאָפּעראַטיוון, מיט דעם רעכט פלעגט ער אָבער זיך זעלטן באַנוצן, הגם פון אַלע זייטן האָט מען אָנגעוויזן אויף מיסברויכן, וואָס קומען פאָר אין די קאָאָפּעראַטיוון.

גאַנץ באַזונדער שטייט דער קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער", געגרינדעט אין אָנהייב 1916=טן יאָר פון אַ גרופּע פאַרטייאישע בונדישע טוער, טיילווייז טאַקע, כדי צו געפינען דאָרט אַ פּלאַץ פאַר פאַרטייאישער אַרבעט, האָט זיך דער קאָאָפּעראַטיוו וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע. די דייטשע רעאַקציע האָט גערודפט די סאָציאַליסטישע פאַרטייען, זי האָט אָבער טאָלערירט און אין אַ געוויסער מאָס אַפילו אונטערשטיצט עקאָנאָמישע אַרבעטער=אָרגאַניזאַציעס, און דער קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער" האָט באַקומען פון די דייטשן פּראָדוקטן דירעקט, ניט דורכן צענטראַל=פאַרבאַנד. אַזוי האָט די דייטשע מאַכט אַרויסגעגעבן פּראָדוקטן 3 יידישע אָרגאַניזאַציעס: 1) צענטראַל=פאַרבאַנד פון די קאָאָפּעראַטיוון. 2) דעם הילפס=קאָמיטעט פון די יידישע שטאָטישע קראָמען. 3) דעם קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער".

דאָס, וואָס הינטער דעם קאָאָפּעראַטיוו איז געשטאַנען אַ פּאָליטישע פאַרטיי און נאָך אַן אַרבעטער=פאַרטיי דערצו, האָט צוגעגעבן דעם קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער" געוויסע מעלות, וועלכע זיינען געווען צו יענעם מאָמענט העכסט וויכטיק און וועלכע האָבן געפעלט ביי די אַנדערע קאָאָפּעראַטיוון. ערשטנס האָט דאָס געשאַפן אַ קאָנטראָלע, וועלכע האָט געהאַלטן דעם קאָאָפּעראַטיוו ווייט פון שמוכל און צווייטנס האָט אַ טייל פון דער באַפעלקערונג גענומען האַלטן דעם קאָאָפּעראַטיוו פאַר אַן אייגענעם, אײַנגעוויינט זיך צו זען אין קאָאָפּעראַטיוו אַן אייגענע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע, פאָדערן פון קאָאָפּעראַטיוו, ער זאָל באַפרידיקן געוויסע נויטן, און דאָס האָט געשטופּט דעם קאָאָפּעראַטיוו צו זיין אַקטיוו. מער ווי אַנדערע האָט דער קאָאָפּעראַטיוו אַליין געקויפט און פאַרקויפט סחורה, געמאַכט אַ גרעסערן אומזאַץ.

מיט די אָקופּאַציע=קאָאָפּעראַטיוון זיינען געווען טיילווייז פאַרבונדן אויך די פאָלקסקיכן און די אַזוי=גערופענע מיטלשטאַנדסקיכן פון יענער טרויעריקער צייט. צוליב פאַרשיידענע טעמים האָבן די דייטשן סוף 1916=טן יאָר גענומען פאָדערן, די באַפעלקערונג זאָל אָרגאַניזירן זופּנקיכן, וואו דער ראַציאָן גריץ, וואָס איז נאָך פריער אַרויסגעגעבן געוואָרן דער באַפעלקערונג, וועט פאַרטיילט ווערן דורך די קיכן אין זופּ. די קיכן האָבן געלאָזן אַ טרויעריקע אָנדענקונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס איז געווען די ערגסטע און שענדלעכסטע בעטלערישע פאָרם, וואו איין מענטש האָט באַקומען פון צווייטן גלייך די אכילה, דערצו ניט אַנדערש בפרהסיא; הונדערטער מענטשן זיינען געזעסן ביי לאַנגע שמוציקע טישן און געגעסן די שיטערע זופּ, געקאָכט אין די גרויסע שמוציקע קעסלען.

דערביי האָט געבליט דער שמוכל מיט די קאַרטן: אין די קיכן האָבן געגעסן אַ העלפט אָדער אַ דריט=חלק פון די צוגעשריבענע צו די קיכן; די פאַרוואַלטערס פון די קיכן האָבן שוין אָבער באַקומען פּראָדוקטן פאַר אַלעמען.

אַזוי ווי די פאַרטיילונגס=פּונקטן זיינען אויך אייניקע קיכן געווען אָנגעשלאָסן אָן די קאָאָפּעראַטיוון, הגם דער גרעסערער טייל איז געווען אָרגאַניזירט פון זעלבן הילפסקאָמיטעט, וועלכער האָט געהאַט אויך די שטאָטישע פאַרטיילונגס=פּונקטן.

סוף יאָר 1918, ווען פון איין זייט האָט זיך פאַרברייטערט די טעריטאָריע פון דער דייטשער אָקופּאַציע, אַריינגעמענדיק כמעט אַלע ראַנד=לענדער פון דער געוועזענער גרויסער רוסישער אימפּעריע (פּוילן מיט וואַרשע, ליטע מיט קאָוונע, אוקראַינע מיט קיעוו, ווייסרוסלאַנד מיט מינסק, לאַטוויע מיט ריגע און דווינסק), פון דער אַנדער זייט אונטער דער ווירקונג פון דער רעוואָלוציע, איז פרייער געוואָרן דער פאַרקער. ווילנע איז געוואָרן אַ טראַנזיט=שטאָט פאַר די אַלע לענדער פון דער דייטשער אָקופּאַציע. דער מסחר האָט אויפגעלעבט, דער מצב פון דער באַפעלקערונג האָט זיך פאַרבעסערט און די פילאַנטראָפּישע אויפגעבלאָזענע קאָאָפּעראַטיוון האָבן זיך ליקווידירט איינער נאָך דעם צווייטן.

צום סוף 1918=טן יאָר האָבן זיך ליקווידירט דער גרעסטער טייל פון די יידישע קאָאָפּעראַטיוון, ס'זיינען געבליבן עקסיסטירן: „אַרבעטער", „האַנטווערקער" און „קאָמניצקער ראַיאָן", די ערשטע צוויי אונטערשטיצט פון זייטיקע אָרגאַניזאַציעס און „קאָמניצקער ראַיאָן"—צופעליק צוליב דער איבערגעגעבנהייט פון אייניקע פערזאָנען (ווי, למשל, דאָברושקעס, אַ מענטש, וואָס האָט זיך פרייוויליק און ערלעך אָפּגעגעבן דער אַרבעט און אַנדערע).

## II. באָלשעוויסטישע קאָאָפּעראַציע.

צו ניי=יאָר 1919 האָבן די דייטשן ענדגילטיק פאַרלאָזן ווילנע. 4 טעג האָט רעגירט אין שטאָט אַ גרופּע אָרטיקע לעגיאָנערן, און דעם 6 יאַנואַר איז ווילנע אויפגעשטאַנען און געפונען אין שטאָט רויטע אַרמייער, וועלכע זיינען אַרומגעפאָרן און אַרומגעגאַנגען איבער שטאָט און גאַנץ פריינדלעך מיט אַלעמען אונטערהאַנדלט.

מיט דער קאָמוניסטישער פּראָגראַם, ווי בכלל מיט די באָלשעוויקעס איז דער עולם געווען ווינציק באַקאַנט. דאָס ביסל, וואָס מען האָט געוואוסט פון זיי, איז געווען פון היימלאָזע, פון ציַיטונגס=ידיעות און פון דער גרופּע קאָמוניסטן, וועלכע איז טיילווייז העלדיש אומגעקומען אין קאַמף מיט די אָרטיקע לעגיאָנערן. דעריבער איז פאַרשטענדלעך די נייגעריקייט, אינטערעס און אין אַ געוויסער מאָס די אויפמערקזאַמקייט, מיט וועלכע די ווילנער באַפעלקערונג האָט באַגעגנט די ערשטע באָלשעוויקעס. אויפן פּאָליטישן און קולטורעלן געביט האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ לעבעדיקע טעטיקייט. שווער אָבער איז געווען די זאַך אויפן עקאָנאָמישן געביט. די אָנפירנדיקע קרייזן האָבן עס אַ ביסל פאַרשטאַנען. אפשר געהיים האָט זיי געפּרעסט דער געדאַנק, אַז אין רוסישן הונגער זיינען זיי שולדיק. עס זיינען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז לענין האָט פאַרזאָגט מען זאָל „שאַנעווען" די אינדוסטריע און דעם האַנדל אין ליטע און ווייסרוסלאַנד. און ווירקלעך, ניט איינמאָל האָבן די מאָסגעבנדיקע קאָמוניסטישע קרייזן ערקלערט, אַז אין ווילנע וועט די געוויסע „נאַציאָנאַליזאַציע" ניט איינגעפירט ווערן, אַז דער קליינהאַנדל און קליין=אינדוסטריע איז דאָ צו טיף איינגעוואָרצלט, מען זאָל עס קענען מיט אַמאָל אויסוואָרצלען, אַז די קליינהענדלער און בעלי=מלאכות זיינען דער רוב פון דער ווילנער באַפעלקערונג, און אַז דאָ איז כמעט ניטאָ קיין פּראָלעטאַריאַט. דער באַקאַנטער באָלשעוויסטישער דיפּלאָמאַט יאָפּע האָט עפנטלעך אויף דער ערשטער פייערלעכער זיצונג פון דעם צונויפגערופענעם ראַט, ערקלערט, אַז אין ווילנע וועט מען ניט נאַציאָנאַליזירן דעם האַנדל און די קליינע פאַבריקן.

און דאָך איז ביסלעכווייז צעשטערט געוואָרן דער עקאָנאָמישער אַפּאַראַט. צו שטאַרק איז געווען די „געוויינהייט" ביי די געקומענע מיטאַרבעטער פון רוסלאַנד צו רעקוויזיציעס און נאַציאָנאַליזאַציעס, און אויך די אָרטיקע מיטאַרבעטער האָבן זיך באַלד אויסגעלערנט די תורה און קעגן דעם שטראָם איז געווען אָנמעכטיק אפילו די צענטראַלע מאַכט.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן אין פעברואַר 1919 זיינען געמאַכט געוואָרן הויז=זוכונגען כמעט אין אַלע וואוינונגען פון ווילנע. מען האָט צוגענומען פון עמנוואַרג אַלץ, וואָס איז לויט דער מיינונג פון די זוכער געווען איבעריק. דאָס האָט קאַטאַסטראָפאַל געווירקט אויף די פּרייזן, אויפן יקרות. די מאַכט האָט זיך געכאַפּט פאַרן אַלטן מיטל פון קאַרטן, אָבער וואָס האָבן געקענט העלפן די קאַרטן, ווען מען האָט אויף זיי קיין פּראָדוקטן ניט געהאַט צו געבן.

בנוגע די קאָאָפּעראַטיוון זיינען די ראַטן=אָנגעשטעלטע אין ווילנע באַגאַנגען דעמזעלבן פעלער ווי אויף אַנדערע געביטן,— נאָכטאָן מאָסקווע! — אַזוי אָבער ווי אין קאָאָפּעראַציע האָט מאָסקווע אַליין ניט געהאַט קיין פעסטע פּאָליטיק, איז דער מישמאַש געוואָרן נאָך גרעסער. צו יענער צייט האָט אין מאָסקווע געהערשט דער געדאַנק פון אַ „צענטראַלן אַרבעטער=קאָאָפּעראַטיוו". געברויכס=קאָאָפּעראַציע מיט איר פּראָגראַם פון זעלבסטעטיקייט, כדי צו קעמפן מיטן פּרייזן האַנדל איז געוואָרן איבעריק, וויבאַלד דער עצם האַנדל איז אָפּגעשאַפט געוואָרן. די קאָאָפּעראַטיוון בלייבן נאָר אַלס אָרגאַנען צו פאַרטיילן דער באַפעלקערונג די פּראָדוקטן פון דער מלוכה, אָן אייגענער איניציאַטיווע, אָן געזעלשאַפטלעכע אַפּאַראַטן.

אין ווילנע האָט אַזאַ פּאָליטיק אַרויסגערופן דיזעלבע אומצופרידנקייט ביי די קאָאָפּעראַטיוון ווי אין רוסלאַנד. דער קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער" און דער נאָר וואָס געגרינדעטער קאָאָפּעראַטיוו „טרוזשעניק" האָבן זיך אַקעגנגעשטעלט אַזאַ פּאָליטיק און געמיט זיך אײַנצוהאַלטן זייער זעלבשטענדיקייט.

„ט ר ו ז ש ע נ י ק" האָט זיך געגרינדעט אין פעברואַר 1919 פון אַ גרופּע יידישע און קריסטלעכע אינטעליגענטן, וועלכע האָבן געזוכט אין קאָאָפּעראַטיוו אַ פּלאַץ פאַר זייער זעלבסטעטיקייט, דאָס איז אויך געווען אַ פּלאַץ און אַ מאָמענט פון התקרבות צווישן די נאַציאָנאַליטעטן. צווישן די ערשטע גרינדער זיינען געווען: דער אַדוואָקאַט אַנדרעיעוו, אַ האַלבער רוס, אַ האַלבער פּאָליאַק, דאָקטאָר קאָפּעץ, אַ פּאָליאַק, און די יידן שור, קאַמיאָנסקי און אַנדערע. דער קאָאָפּעראַטיוו האָט פאַרנומען אַ גרויסן לאָקאַל און פאַרשריבן ביי זיך אַלס מיטגלידער דעם גרעסטן טייל פון דער שטאָטישער אינטעליגענץ, מענטשן פון פרייע פּראָפעסיעס, ווי אויך פון אַנדערע פאַרשיידענע שיכטן.

די דאָזיקע צוויי קאָאָפּעראַטיוון האָבן נאָך אַרויסגעוויזן פאַר דער צייט סימנים פון לעבן. די איבעריקע יידישע קאָאָפּעראַטיוון האָבן פאַר דער צייט כמעט ווי ניט עקסיסטירט.

דער „צענטראַלער אַרבעטער=קאָאָפּעראַטיוו" האָט לויט דעם פּראָיעקט פון דער ראַטנמאַכט געדאַרפט דערנערן די גאַנצע באַפעלקערונג, צוגרייטן דעם אַפּאַראַט, וועלכער זאָל קאָנצענטרירן און אַריינגעמען אין זיך די גאַנצע ווירטשאַפט. ווי אַלע גרויסע פּלענער פון דער ראַטנמאַכט איז אויך דער פּלאַן געבליבן אויפן פּאַפּיר. אין דער ווירקלעכקייט האָבן זיך געעפנט עטלעכע קרעמלעך, פאַרטיילונגס=פונקטן, וועלכע האָבן ווייניק=וואָס פאַרטיילט.

## III. פּויליש=יידישע קאָאָפּעראַציע.

דעם 19 אַפּריל 1919 יאָר האָט דאָס פּוילישע מיליטער, נאָך אַ צווייטאָגעדיקן קאַמף אויף די גאַסן פון שטאָט, פאַרנומען ווילנע. דער קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער" איז צערויבט געוואָרן אינגאַנצן— די סחורה, די קאַסע, אפילו די פּאָליצעס האָט מען צעבראָכן, און ביים קאַסיר פון „טרוזשעניק" האָט מען צוגענומען גאָר דאָס געלט פון דער קאַסע, אַן ערך 30,000 רובל.

די יידישע באַפעלקערונג איז געווען נידערשלאָגן, צערודערט, טעראָריזירט און מיטאַמאָל א י ז אָ ל י ר ט פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. צענדליקער יאָרן געוואוינט שכנים צוזאַמען אין גוטן און אין בייזן, און מיטאַמאָל איז אַן אייזערנע וואַנט אויסגעוואַקסן צווישן זיי, דערצו נאָך אָנגעשטאָכן מיט באַגנעטן קעגן איין צד.

ס'איז אינטערעסאַנט, אַז דער קאָאָפּעראַציע, וועלכע ווייס ניט, לכל=הפחות אין טעאָריע, פון נאַציאָנאַלן קאַמף, איז אויך דאָ אויסגעקומען צו זאָגן דאָס ערשטע גוטע וואָרט, דאָס ערשטע וואָרט פון שלום. באַלד נאָכן פאַרנעמען די שטאָט, האָט די פּוילישע רעגירונג אַראָפּגעשיקט קיין ווילנע אַמעריקאַנער ווייצנמעל פאַר דער באַפעלקערונג צו לפי=ערך ביליגע פּרייזן—2 רובל אַ פונט. ס'איז אויפגעשוואומען די פראַגע ווי און וואו זאָל מען צעטיילן דאָס מעל, ביז מען האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף די קאָאָפּעראַטיוון, ווי אויף געזעלשאַפטלעכע פאַרטיילונגס=פונקטן. מען האָט צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון פּוילישע און יידישע פאָרשטייער פון קאָאָפּעראַטיוון, צו באַטראַכטן די פראַגע, צי עס זאָלן זיין אַלגעמיינע פאַרטיילונגספונקטן, אָדער באַזונדערע, לויט די נאַציאָנאַליטעטן. די פּאָליאַקן האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר נאַציאָנאַלע,

אויך איניקע יידן האָבן געשטימט פאַר דעם, וואָרים בײַ די דעמאָלטדיקע פאַרהעלטענישן איז מען ניט געווען זיכער, אַז ווען אין לאַנגן עק בײַם קאָאָפּעראַטיוו וועלן שטיין צוזאַמען יידן מיט קריסטן, וועט מען ניט אַרויסוואַרפן די יידן און נאָך זיי דערבײַ אָנשלאָגן.

פון די יידישע קאָאָפּעראַטיוון האָבן עקסיסטירט דאַן: „אַרבעטער", „טרוזשעניק", „האַנטווערקער" און „זשמודער ראַיאָן". ניט פאַראייניקט אין איין צענטער, נאָר 4 באַזונדערע פאַרטיילונגספּונקטן, האָבן זיי מורא געהאַט צו נעמען אויף זיך די אחריות פון פאַרטיילן פּראָדוקטן פאַר דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג, און ס'האָט זיך דעמאָלט געבילדעט דער יידישער „דערנערונגס-קאָמיטעט", אין וועלכן ס'זײַנען אַרײַן ד"ר גלאָבוס, ב. האַלפּערן, א. קרוק, ד"ר שוואַרץ, אינזשעניער שוואַרץ, און אַנדערע. דער דערנערונגס-קאָמיטעט האָט זיך ענערגיש גענומען צו דער אַרבעט און אין עטלעכע טעג אָרגאַניזירט ביז 15 שטאָטישע קראָמען און געטיילט דאָרט די פּראָדוקטן, וואָס דער מאַגיסטראַט אָדער די רעגירונג האָבן געגעבן, און אָפטמאָל אויך אַליין וואָס געקויפט און פאַרקויפט.

בײַם קאָמיטעט האָט זיך אָרגאַניזירט אויך אַ קאָאָפּעראַטיווע סעקציע, אין וועלכער עס זײַנען אַרײַן פאָרשטייער פון די קאָאָפּעראַטיוון. די סעקציע האָט געהאַט די אויפגאַבע צו רעגולירן די טעטיקייט פון די קאָאָפּעראַטיוון, זיי פאַרבינדן מיט דעם דערנערונגס-קאָמיטעט, און אויך געפירט אַן אויפקלערונגס-אַרבעט, אַרויסגעגעבן אַ בראָשור: „קאָאָפּעראַציע בײַ יידן נאָך דער מלחמה" און אַ מוסטער-סטאַטוט, וועלכער דינט נאָך ביז הײַנט די יידישער געברויכס-קאָאָפּעראַציע.

צו יענער צײַט האָט אָנגעהויבן טעטיק צו זײַן די יידישע קהילה. אויסגעקליבן אין דעצעמבער 1918, האָט די קהילה צום אָנהייב פון דער פּוילישער אָקופּאַציע אין מאַי 1919 צוגערופן דעם פּלענום, זיך קאָנסטרואירט, אַרײַנגעקליבן זיך אין בנין פון געוועזענעם יידישן לערער-אינסטיטוט און אַנטוויקלט אַ ברייטע געזעלשאַפטלעכע און פילאַנטראָפּישע טעטיקייט. די ערשטע ווילנער קהילה אין ערשטן פּעריאָד פון איר טעטיקייט איז פּלוצלונג געוואָרן אַ צענטער פון יידישן ווילנער לעבן. דערצו האָט דערהויפּט מיטגעווירקט די לאַגע פון דער יידישער ווילנע. צעריבט, צעשלאָגן און צעשראָקן האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג אינערלעך צוזאַמענגענומען, פעסטער זיך אָרגאַניזירט אַרום דעם ערשטן בעסטן צענטער און דער דאָזיקער צענטער איז געוואָרן די קהילה. דאָס האָבן אָבער ניט פאַרשטאַנען די, וועלכע זײַנען געשטאַנען בראש פון דער אַרבעט; זיי האָבן דאָס אָנגענומען פאַר אַ נאָרמאַלער פּאָזיטיווער שטענדיקער ערשײַנונג און געשטרעבט אַלץ צונעמען, אײַנצושליסן אין דעם קרײַז פון ווירקונג און טעטיקייט פון דער קהילה.

די דאָזיקע טענדענץ האָט אַרײַנגעשלעפּט אין דער קהילה אויך די דערנערונג און קאָאָפּעראַציע-געביטן, וועלכע האָבן אין דער אמתן ניט צו טאָן מיט דער קהילה און דאַרפן געבויט ווערן גאָר אויף אַנדערע יסודות.

אַזוי איז פון דעם דערנערונגס-קאָמיטעט געוואָרן אַ דערנערונגס-אָפּטיילונג בײַ דער קהילה. די אָפּטיילונג האָט זיך נאָך געטיילט אויף אַ קיך-אָפּטיילונג, קראָמען-אָפּטיילונג; די אַלע אָפּטיילונגען האָבן געהאַט זייערע פאַרוואַלטערס און געהילפן, אין דער צײַט, וואָס דער אינערלעכער תוך פון די אָפּטיילונגען איז געווען זייער לאַנג אויסגעשעפּט, די פּראָדוקטן פון מלוכה און מאַגיסטראַט זײַנען געוואָרן אַלץ ווייניקער א. א. וו. די קהילה האָט געפּרובט זיך לאָזן אויפן וועג פון פרײַען האַנדל — קויפן און פאַרקויפן סחורה, דער אַפּאַראַט איז אָבער געווען ניט צוגעפּאַסט, און די דערנערונגס-אָפּטיילונג איז געוואָרן אַ קאָמיסיאָנער בײַ שלעכטע סוחרים, וועלכע האָבן ניט געקענט אַנדערשוועגן פאַרקויפן זייער סחורה.

אָן אַ צײַט זײַנען געשטאַנען די קאָאָפּעראַטיוון, אָדער געזעלשאַפטלעכע קאָאָפּעראַטיוון — ווי דער עולם האָט זיי גערופן מבחין צו זײַן זיי פון די שטאָטישע קראָמען, וועלכע מען האָט אויך גערופן קאָאָפּעראַטיוון. די קאָאָפּעראַטיוון זײַנען אויך געווען פאַרטיילונגס-פּונקטן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, זיי האָבן אָבער אין דערזעלבער צײַט געפירט אַן אייגענע האַנדלס-טעטיקייט, געהאַט אייגענע פאַרוואַלטונגען און אַלס ספּעציעל ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיי געפירט זייער ווירטשאַפט בעסער ווי די קהילה.

אין קהילה האָט מען פאַרשטאַנען, אַז די קאָאָפּעראַטיוון זײַנען די אמתע יורשים פון דער דערנערונגס-אָפּטיילונג, אַז זיי זײַנען דער צוגעפּאַסטער אַפּאַראַט פאַר אַ געזעלשאַפטלעך-עקאָנאָמישער טעטיקייט. ס'איז אפילו אַרויסגעשוואומען אַ פּלאַן צו פאַרוואַנדלען אַלע שטאָטישע קראָמען אין אָפּטיילונגען פון די קאָאָפּעראַטיוון. ס'האָבן זיך אָבער געפונען קלעמענטן, וועלכע זײַנען געווען קעגן אַזעלכע פּלענער. זיי האָבן געקוקט קרום אויף די קאָאָפּעראַטיוון ווי אויף קאָנקורירנדיקע אָרגאַניזאַציעס, און פון די פּלענער איז גאָרנישט געוואָרן. די שטאָטישע קראָמען האָבן מיטגעהאָלפן דעם וואוקס פון קהילה-דעפיציט און ביסלעכווייז, נאָך אַ לאַנגער גסיסה, האָבן זיי זיך פאַרמאַכט אין יאָר 1920.

די אייגענע צײַט אָבער — די צווייטע העלפט פון יאָר 1919 און די ערשטע פון יאָר 1920 איז די בליאונגס-צײַט פון די יידישע קאָאָפּעראַטיוון אין ווילנע און ס'הייבט זיך אַפילו אָן אַ קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אויף דער פּראָווינץ, אַזוי אַז איניקע פון די דאַן געגרינדעטע פּראָווינציעלע קאָאָפּעראַטיוון עקסיסטירן נאָך עד-היום (למשל, אין סווענציאַן). אין דער אויפבליאונג האָט געהאַט אַ חלק די פּוילישע רעגירונג, וועלכע האָט זיך פרײַנדלעך באַצויגן צו די קאָאָפּעראַטיוון, זיי אונטערשטיצט, געגעבן זיי פאַרקויפן ביליגער פּראָדוקטן, באַפרײַט פון שטײַערן, און הגם צו די יידישע קאָאָפּעראַטיוון איז די באַציאונג געווען אַ פיל קעלטערע, דאָך האָט זיך די דאָזיקע פּאָליטיק געלאָזט אַ ביסל פילן אויך אין די יידישע קאָאָפּעראַטיוון. מען מוז מודה זײַן, ווען די יידישע באַפעלקערונג וואָלט געווען עקאָנאָמיש אָרגאַניזירט, קאָאָפּערירט, און ס'וואָלט זיך געפונען די אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל ריידן אין נאָמען פון דער גאַנצער קאָאָפּערירטער יידישער באַפעלקערונג, וואָלט מען פיל געוואונען.

אָפטמאָל פלעגט קומען די קהילה ריידן אין נאָמען פון דער יידישער קאָאָפּעראַציע. עס איז אָבער פאַר קיינעם קיין סוד ניט געווען, אַז דאָס איז ניט קיין קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע. עס איז געווען געמאַכט אַ פּרוב צו אָרגאַניזירן אַ פאַרבאַנד פון יידישע קאָאָפּעראַטיוון, דער פאַרבאַנד האָט זיך שוין אַפילו געהאַט לעגאַליזירט, געדונגען אַ לאָקאַל, ער האָט זיך אָבער אָנגעטראָפן אויף דער דאָקטרינערישער באַציאונג מצד דעם קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער". „אַרבעטער" האָט ערקלערט, אַז ער איז אַ קלאַסן-קאָאָפּעראַטיוו און קען דעריבער ניט גיין צוזאַמען מיט אַנדערע קאָאָפּעראַטיוון, הגם עס האָט זיך גערעדט וועגן אַ ריינעם געשעפטס-אָפּמאַך און דער זעלבער קאָאָפּעראַטיוו האָט געוויינלעך געקויפט סחורה, וואו נאָר עס האָט געלוינט. בײַ דער קליינער צאָל יידישע קאָאָפּעראַטיוון האָט אַ פאַרבאַנד געקענט צושטאַנד קומען נאָר בײַ אַ געוויסער סאָלידאַריטעט פון אַלע קאָאָפּעראַטיוון.

וואָס איז שייך דעם אינערלעכן לעבן פון יעדן קאָאָפּעראַטיוו באַזונדער, איז כדאי צו דערמאָנען, אַז גלײַך נאָכן פאַרנעמען ווילנע דורך די פּאָליאַקן, האָבן פאַרשיידענע גרופּן געפּרובט אויפלעבן די קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע האָבן עקסיסטירט פאַר דער דײַטשער אָקופּאַציע. האַפנדיק דערהויפּט אויף די שטאָטישע פּראָ-

דוקטן, האָט מען גענומען גרינדן קאָאָפּעראַטיוון אויף פּאָפּלאַוועס, שניפּישאָק, אַנטאָקאָל.

אין צענטער שטאָט זיינען אויך כמעט יעדע וואָך פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען פון פאַרשיידענע גרופּן מיטן צוועק אויפצולעבן די אַלטע, אָדער גרינדן נייע קאָאָפּעראַטיוון. אויף די פאַרזאַמלונגען פלעגן קומען פאָרשטייער פון דער קאָאָפּעראַטיוו-סעקציע ביים דערנערונגס-קאָמיטעט אויפצוקלערן די אויפגאַבן פון קאָאָפּעראַציע און דערביי אויך אָנווייזן די שוועריקייטן, וואָס שטייען אויפן וועג, און דערמיט פאַרהיט פון אומגעוואונטשענע פּרובן...

ס'דאַרפן פאַרצייכנט ווערן די קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע זיינען דאָך אַרויסגערופן געוואָרן צום לעבן כאָטש אויף אַ קורצער צייט.

דער קאָאָפּעראַטיוו „זאַוולס", ביי זאַוולס קלויז, האָט עקסיסטירט אומגעפער אַ יאָר. די מיטגלידער—מענטשן פאַרמעגלעכע—האָבן געבויט דעם קאָאָפּעראַטיוו לויט דעם מוסטער פון דער דייטשער אָקופּאַציע, ניט אַ ווידערטעם פון אַ צדקה-חברה און מיט דעם צוועק אויסצונוצן די פּריווילעגיעס פון אַ קאָאָפּעראַטיוו. ווען די געשעפטן פון קאָאָפּעראַטיוו זיינען אַוועק שלעכט, האָט ער זיך געפּרובט ראַטעווען מיט איבערגעבן דעם קאָאָפּעראַטיוו אַ פּריוואַטער פּעזאָן. דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפן און דער קאָאָפּעראַטיוו, אָדער ריכטיקער שוין—די פּריוואַטע קראָם, האָט זיך געמוזט צומאַכן.

פאַר דער צייט האָט זיך אויך געעפנט דער קאָאָפּעראַטיוו „וואָקזאַל-ראַיאָן", וועלכער האָט געמוזט דערנאָך לויט דער פאָדערונג פון דער מאַכט איבערבייטן זיין נאָמען און האָט זיך אָנגערופן „עקאָנאָמיע". געגרינדעט פון אַ גאַנץ אומפּאַרטייאישער גרופּע, האָט דער קאָאָפּעראַטיוו ניט געקענט פאַרטיק ווערן מיט די פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציאָנעלע שוועריקייטן און זיך צוגעמאַכט אין יאָר 1920.

נאָך ווייניקער געלונגענע פּרובן צו גרינדן קאָאָפּעראַטיוון האָבן געמאַכט פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס פון אָרטאָדאָקסישע אָדער ראַיאָניקע גרופּן, לובאַוויטשער חסידים, צעירי-ישראל, שני-פּישאָק, פּאָפּלאַוועס.

אָבער לאָמיר איבערגיין צו די געלונגענע פּרובן:

1) קאָאָפּעראַטיוו „צוקונפט".

אין מאַי 1919 יאָר האָט אַ גרופּע יידישע אינטעליגענטן געגרינדעט אַ קיך צו פאַרקויפן אויף קאָסט-פּרייזן מיטאָגן, האָבנדיק אין זינען די גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט און אָרימקייט צווישן דער אינטעליגענץ. כדי די קיך זאָל קענען עקסיסטירן, האָט די גרופּע געעפנט אַ קאָאָפּעראַטיווע קראָם אונטערן זעלבן נאָמען. אַזוי האָבן די מיטגלידער פון קאָאָפּעראַטיוו געקענט זיך באַנוצן מיט ביידע אַנשטאַלטן פון קאָאָפּעראַטיוו. אין קיך האָט געהערשט אַ מוסטערהאַפטע אָרדענונג, קיינער האָט ניט געפילט, אַז דאָס איז אַ צדקה-קיך. דער חסרון איז געווען נאָר, וואָס די קיך האָט זיך געעפנט ניט אין אַ יידישן ראַיאָן (יאַגעלאָנער 3) און דאָס האָט געשטערט דער קיך צוצוציען ברייטערע מאַסן. די קראָם פון קאָאָפּעראַטיוו האָט זיך קונה שם געווען אַלס אַ ראַיעלער פונקט און צוגעצויגן איינִיקע הונדערט מיטגלידער. דער קאָאָפּעראַטיוו איז געוואָרן אָנערקענט פון דער מאַכט, פון קאָאָפּעראַטיוון-פאַרבאַנד און אַריינגעטראָטן אין פאַרבינדונגען מיט די נייטיקע קאָאָפּעראַטיווע אַנשטאַלטן. דאָס איז געווען דער געלונגענער פּרוב פון אַ גאַנץ אומפּאַרטייאישער גרופּע, וועלכער האָט פיל צו פאַרדאַנקען איינצלנע איבערגעגעבענע טוער, וועלכע האָבן זיך בלב ונפש איבערגעגעבן דער אַרבעט, ווי פּרל. באַרישניק, ה' קרענגעל און אַנדערע.

דער קאָאָפּעראַטיוו האָט אויך געהאַט איניציאַטיווע אויפן קולטורעלן געביט—איינצואָרדענען אָוונטן, אויסצוטיילן איינִיקע סומען אויף געזעלשאַפטלעכע צוועקן. דאָס זיינען אָבער געבליבן איינציקע אָפּגעריסענע פּרובן (בכלל מוז מען זאָגן, אַז ביז היינט איז נאָך דער יידישער קאָאָפּעראַציע ניט געלונגען צו פאַרבינדן די עקאָנאָמישע טעטיקייט מיט דער קולטורעלער). אויפן עקאָנאָמישן געביט האָט זיך דער קאָאָפּעראַטיוו „צוקונפט" רעגלמעסיק אַנטוויקלט. די קיך האָט זיך אין יולי 1920 מיטן אָנקומען פון די באָלשעוויקעס צוגעמאַכט און די קראָם עקסיסטירט נאָך ביז היינט.

2) קאָאָפּעראַטיוו „באַפרייאונג".

אין דער קהילה האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ געשטאַרקט די ווירקונג פון די ציוניסטן און דאָס האָט אַרויסגערופן צום לעבן אַ ציוניסטישן אָדער צעירי-ציוניסטישן קאָאָפּעראַטיוו „באַפרייאונג". דער פאַרוואַלטער פון דער דערנערונגס-אָפּטיילונג, ה' רודניצקי, האָט איבערגעגעבן דעם קאָאָפּעראַטיוו די בעסטע שטאָטישע קראָם, ווי אויך אַ טייל פון די פּראָדוקטן און דאָס האָט געלייגט דעם עקאָנאָמישן באַזיס פאַר דעם קאָאָפּעראַטיוו. דער קאָאָפּעראַטיוו האָט זיך ערקלערט פאָרמעל פאַר אַ פּאַרטייאישן. ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ פּאַרטייאישע פאַרוואַלטונג און אין דעם זין איז דער קאָאָפּ. אַוועק נאָך ווייטער פון קאָאָפּ. „אַרבעטער", וועלכער עקסיסטירט פאָרמעל ווי אַ קלאַסן-קאָאָפּ., אָבער ניט ווי אַ פּאַרטיי-קאָאָפּעראַטיוו. דער קאָאָפּ. „באַפרייאונג" האָט לויט דעם ביישפּיל פון „צוקונפט" געעפנט אַ קאָאָפּעראַטיווע קיך אויף רודניצקער גאַס, אין רעכטן יידישן צענטער. דאָס האָט געגעבן מער לעבנספעאיקייט דער קיך און זי עקסיסטירט נאָך ביז היינט אין אַ פעסטן צוזאַמענהאַנג מיט דער קאָאָפּעראַטיווער קראָם. דער זעלבער קאָאָפּעראַטיוו האָט שפּעטער, שטייענדיק נאָענט צו די חלוצים, מיט דער הילף פון דער געזעלשאַפט „אָרט" געדונגען און באַאַרבעט אַ גאָרטן, אום דערנאָך צו פאַרקויפן דאָס גרינס אין געברויכס-קאָאָפּעראַטיוו.

3) דער קאָאָפּעראַטיוו „האַנטווערקער"

עקסיסטירט די גאַנצע צייט זינט יאָר 1916. דער קאָאָפּעראַטיוו האָט זיך ענג פאַרבונדן מיטן פאַראיין פון די האַנטווערקער און געלעבט אַזוי צו זאָגן ביים פאַראיין, אַ מיטגליד פון פאַראיין איז שוין במילא אויך אַ מיטגליד פון קאָאָפּעראַטיוו. אין 1919 און 1920 נעמט זיך דער קאָאָפּעראַטיוו מער אויסקריסטאַליזירן; ס'בילדן זיך באַזונדערע קאָאָפּעראַציעס פון פאַרשיידענע פאַכן אויף איינצוקויפן צוזאַמען רויוואַרג, ווי אויך צו פאַרקויפן די אויסגעאַרבעטע סחורות. אין דעם פּרט איז דאָס דער איינציקער קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער פאַרבינדט דירעקט דעם געברויכער מיטן פּראָדוצירער.

### דער קריזיס און די הילף פון ד. ה. ק.

אָנהייב זומער 1920 האָבן די געברויכס-קאָאָפּעראַטיוון צוזאַמען מיטן גאַנצן האַנדל פון קאַנט איבערגעלעבט אַ קריזיס. די פּרייזן פון די סחורות זיינען געפאַלן, די פאַרקויפס-מעגלעכקייט איז געוואָרן שוואַכער, די מיטגלידער פון די ווילנער קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע האָבן ניט קיין פעסטן צובונד צו זייערע אָרגאַניזאַציעס, נאָר גייען זוכן עטוואָס ספּעציעל ביליגער, זיינען געוואָרן זעלטענע געסט אין די קאָאָפּעראַטיווע קראָמען און די קאָאָפּעראַטיוון, געבונדן מיט גרויסע אָרגאַניזאַציאָנעלע הוצאות, האָבן זיך געפונען אין אַ שווערער לאַגע. צו יענער צייט האָבן אין דער

רייכער פילאַנטראָפּישער אַמעריקאַנער אָרגאַניזאַציע „דזשאָינט דיסטריביושן קאָמיטע" גענומען בלאָזן נייע ווינטן. ס'איז געוואַקסן די אומצופרידנקייט מיט די רעזולטאַטן פון דער טעטיקייט: אויסגעגעבן מיליאָנען און די אָרימעלייט זיינען געבליבן אָרימעלייט — הונגעריק און נאַקעט ווי געווען. די אידעע פון פּראָדוקטיווער הילף איז אַלץ מער אַריינגעדרונגען אין דער געזעלשאַפט און ווען דער דירעקטאָר פון ד. ה. ק. ד"ר באָגען איז אָנהייב 1920 געווען אין ווילנע, האָט ער מבטיח געווען 890 טויזנט מאַרק אויף קאָאָפּעראַטיווע אַנשטאַלטן, אַ סומע וועלכע האָט ביי יענער צייט געקענט גענוגן אַוועקצושטעלן אַ קאָאָפּעראַטיוון־פאַרבאַנד. אָבער אויף דעם געלט האָט פּרעטענדירט אויך די קהילה אויף דעם גרונד, וואָס זי האָט... דעפּיציטן. דעמאָלט האָבן נאָך עקסיסטירט אייניקע שטאָטישע קראָמען, און הגם פאַר אַלעמען איז קלאָר געווען, אַז דאָס זיינען טויטע אַנשטאַלטן און אַריינטאָן נייע געלט הייסט יעדנפאַלס ניט קיין פּראָדוקטיווע אַרבעט, דאָך האָט די קהילה צַנגענומען אַלע מיטלען, אַז דאָס געלט זאָל אַריינקומען אין איר קאַסע. דאָ איז געשען דאָס, וואָס איז ליידער אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער יידישער קאָאָפּעראַציע: צוליב דעם, וואָס די קאָאָפּעראַטיוון זיינען ניט פאַראייניקט, ניט אָרגאַניזירט, קומען מענטשן זייטיקע, אָפּט פיינדלעך געשטימטע, און נעמען זיך דאָס רעכט צו ריידן אין נאָמען פון דער קאָאָפּעראַציע. די קהילה האָט געהאַט שוין די חזקה אויף אַמעריקאַנער געלט, אָבער זי איז געווען אומפּעאיק אויף וועלכע ס'איז פּראָדוקטיווע אַרבעט און ס'איז געבליבן אַ... פּשרה: מ'האָט צעטיילט דאָס געלט — אַ העלפט אָפּגעגעבן דער קהילה און אַ העלפט די קאָאָפּעראַטיוון. אָבער ביי די קאָאָפּעראַטיוון איז דאָס געלט ניט אַריין ווי אַ גאַנצע סומע, נאָר צעטיילט, צעבראָקלט צווישן די איינציקע קאָאָפּעראַטיוון. אַזוי אַרום איז פיל פאַרקלענערט געוואָרן די באַדייטונג פון דעם דאָזיקן פּראָדוקטיוון פּרוב פון ד. ה. ק.

אָבער דאָס ביסל געלט, וואָס די קאָאָפּעראַטיוון האָבן געקראָגן, איז געקומען אין דעם נייטיקן מאָמענט און געגעבן זיי די מעגלעכקייט איבערצולעבן די צייט פון קריזיס און נאָכדעם זיינען שוין די קאָאָפּעראַטיוון געבליבן לעבנספּעאיקע, עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס.

אין אַלגעמיין מוז מען זאָגן, אַז די צייט פון דער ערשטער פּוילישער אָקופּאַציע איז געווען אַ גינסטיקע פאַר דער יידישער קאָאָפּעראַציע, די צאָל פון די קאָאָפּעראַטיוון ווערט פיל ווייניקער ווי ביי די דייטשן, אָבער דערפאַר די קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע עקזיסטירן שוין, זיינען זעלבשטענדיקע קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס.



# דער יידישער צענטראַלער בילדונגס=קאָמיטעט אין ווילנע (צ. ב. ק.).

שוין אין דעם לעצטן צענדליק יאָר פאַר דער וועלט=מלחמה זיינען צוזאַמען מיט דעם וואוקס און דער אויסקריסטאַליזירונג פון דער יידישער דעמאָקראַטיע און באַזונדערס פון דער יידישער אַרבעטער=באַוועגונג, געמאַכט געוואָרן איינציקע פּרובן פון לייגן גרונדשטיינער פאַר דער צוקונפטיקער יידיש=וועלטלעכער שול.

די דאָזיקע אַלע פּרובן, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן אין פאַרשיידענע ערטער אָן שום פאַרבינדונג צווישן זיך און — וואָס ס'איז נאָך פיל וויכטיקער — אָן קלאָרער פּערספּעקטיווע אויף להבא, אָן דער נייטיקער זיכערקייט, האָבן, פאַרשטייט זיך, געמוזט טראָגן דעם אויסגעשפּראָכענעם כאַראַקטער פון ריין עקספּערימענטירנדיקע אונטערנעמונגען.

דאָס רוב האָבן זיך די דערמאָנטע פּרובן אויסגעדריקט אין דעם אַריינפירן — אי דאָס אויך — אָפּט אויף אַ גאַנץ קוריאָז אופן — אַ נישטיקע צאָל שעהן פון יידיש — אַלס געגנשטאַנד אין דער דאַמאָלסטיקער אַזוי גערופענער געזעלשאַפטלעכער שול, וועלכע איז, לויט איר גאַנצן תוך, געווען אַ ריין — רוסיפיקאַטאָרישע, פאַרווייסט מיט עטלעכע טראָפּנס נאַציאָנאַליסטיש=קאָנפעסיאָנעלע מעכאַנישע צוגאָבן.

אין דער דאָזיקער תקופה איז די גאַנצע ענערגיע און אויפמערקזאַמקייט פון די אַדעפּטן פון דער יידישער שול געווען געווענדט אויף דעם אומדאַנקבאַרן קאַמף אַרום דער חברה „מפיצי=השכלה", כדי צו געווינען אין איר אַן איבעריקן פּלאַץ און אַזוי אַרום פאַרזיכערן זיך מיט אַ גרעסערער ווירקונג.

אַזאַ מין קאַמף האָט זיך אַ געוויסע צייט פאַר דער מלחמה געפירט אויך אין ווילנע, אַרום דער אָרטיקער אָפּטיילונג פון דער חברה „מפיצי=השכלה", און די קעמפער פאַר יידיש אין דער ווילנער „מפיצי=השכלה", זיינען טאַקע שפּעטער געווען די גרינדער פון צענטראַלן יידישן בילדונגס=קאָמיטעט.

ס'דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז די אַלע איינצלנע פּרובן אין יענער צייט מצד די הייפעלעך קעמפער פאַר אַ יידישער שול פלעגן זיך זייער זעלטן פאַרענדיקן מיטן איבערגיין פון ווערטער צו מעשים, מיט דער עפענונג פון אמת=יידישע שולן, וועלכע זאָלן זיין אַזעלכע ניט נאָר לויט באַשטימטע א ו י ס ע ר ל ע כ ע סימנים, נאָר טאַקע לויט זייער אינערלעכן עצם, לויט דער שפּראַך פון אונטערריכט און אַנטוויקלונג — דער יידישער.

אַזעלכע שולן זיינען אין משך פון דער גאַנצער תקופה געווען געציילטע (דעמיעווקער שול אין קיעוו, כערסאָנער שול, אַן אָוונט=שול אין ווילנע, וואָס האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָמען י. ל. פּרץ).

און ס'האָט זיך די איינציקע דרייסטע רעוואָלוציאָנערן פון דער מאָדערנער יידישער שול=בויאונג אָפּט געדאַכט, אַז זייערע חלומות וועלן קיינמאָל ניט מקוים ווערן, אַז ס'וועט שוין קיינמאָל ניט געלינגען איינצופלאַנצן כאָטש אַ גרעסערע צאָל אָאַזיסן אין דעם וויסטן מדבר פון דער אָפּגעשטאַנענער יידישער דערציאונג.



איז אָנגעקומען די וועלט=מלחמה און האָט געבראַכט די מעגלעכקייט צו פאַרוואַנדלען דעם ווייטן טרוים אין אַ ווירקלעכקייט. און גראָד די מוראדיקע דייטשע אָקופּאַציע האָט מבטל געמאַכט די פריערדיקע פּאַליאַטיוון און האָט געשאַפן דעם באָדן פאַר אַ ברייטערער איבערבויאונגס=אַרבעט געזונט צו מאַכן די יידישע שול.

די ערשטע און אינטענסיווע אַרבעט פון אויפבויען די אמת=יידישע שול איז דורכגעפירט געוואָרן אין דעם טראַדיציאָנעלן יידישן צענטער, אין „ירושלים דליטאָ", אין ווילנע.

די רוסישע שולן, וועלכע זיינען אין משך פון יאָרן דורך געקינסטלטע מיטלען פון די צאַריסטישע באַאַמטע איינגעוואָרצלט געוואָרן, זיינען זיך צעפאַלן, ווי קאָרטנשטיבלעך, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן אומזין. די באַפעלקערונג בכלל און די יידישע באַפעלקערונג בפרט האָט זיך געמוזט איבערצייגן, אַז קיין צוריקקער צום אַלטן איז ניט פאַראַן, און דאָ ערשיינען אין ווילנע אויף דער אַרענע די פריער אויסגעשפּאָטע פאַנטאַסטן און הייבן אָן מיט יוגנטלעכן ענטוזיאַזם, ביי די גרעסטע שוועריקייטן און קרבנות, דורכצוזעצן די יידיש=וועלטלעכע שול.

די דאָזיקע אינטערעסאַנטע תקופה, וועלכע האָט באַשיינפערלעך דערוויזן, צו וואָס פאַר אַ מדרגה ס'קען דערגרייכן דער אידעאַליזם פון יידישן לערער, פאַרדינט אַן אויספירלעכע און ברייטע אָפּהאַנדלונג.

ס'איז גענוג נאָר צו דערמאָנען, אַז די ווילנער יידישע לערער, ווי אויך אין אַנדערע געציילטע ערטער, האָבן זייער אַרבעט געמוזט פירן ביים פעלן פון יעטווידער דערפאַרונג, ביי אַ מוראדיקן קאַמף מיט דער הפקרות פון די דייטשע אָקופּאַנטן, ביי די שרעקלעכסטע הונגער=באַדינגונגען (בייטאָג פלעגט מען לערנען און שאַפן טערמינאָלאָגיע, פּראָגראַמען און אַנדערע מאַטעריאַלן און ביינאַכט פלעגט מען מוזן איינאָרדענען פאַרווייִלונגען, כדי צו באַקומען גראָשנס, קלעגלעכע גראָשנס פאַר די אויפגעשטעלטע שולן).

און אין רעזולטאַט פון דער געוואַלדיקער אָנשטרענגונג און קרבנותפולער אַרבעט האָט דער יידישער לערער, צוזאַמען מיט די ווייניקע מיטהעלפער פון דער אַרום אים גרופּירטער אינטעליגענץ, באַקומען כוף=כל=סוף אַ מתּנה אין געשטאַלט פון אַ ריי באַליבט געוואָרענע און פּערספּעקטיווע, לחלוטין נייע און ביז דאַן ניט געהערטע דערציאונגס=אַנשטאַלטן, די אַנשטאַלטן פון דער יידיש=וועלטלעכער דערציאונג.

שפּעטער, ווען ווילנע איז אַריבער צו די פּאָליאַקן און ס'האָט זיך געשאַפן די ערשטע דעמאָקראַטישע קהילה, האָט די לעצטע געהאַט פאַר זיך שוין אַ ריי יידישע קינדערגערטנער (אין דער מלחמה=צייט האָבן זיי געהייסן „קינדערהיימען"), פאָלקסשולן און אפילו אַ יידישע מיטלשול, די יידישע רעאַל=גימנאַזיע, וואָס איז געווען די ערשטע ניט נאָר אין ווילנע, נאָר אין דער גאַנצער אומגעגנט, אויב ניט אין דער גאַנצער וועלט.

פאָרמעל האָט די קהילה, שאַפנדיק בײַ זיך אַ ספּעציעלע בילדונגס=אָפּטײלונג און איבערנעמענדיק אַלע ייִדישע בילדונגס=אַנשטאַלטן, געדאַרפט האָבן צו טאָן מיט פאַרשיידענע געזעלשאַפטן („קינדער=פאַרזאָרגונג", „מפיצי=השכלה" א. אַ.), פּאַקטיש אָבער איז אַלס בעל=הבית פון די אַלע אויפגעבויטע און פאַרפעסטיקטע אַנשטאַלטן געשטאַנען דער ייִדישער לערער, אונטערשטיצט פון אַ דינער שיכט פון דער דעמאָקראַטישער און סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ.

מיט דער גרינדונג פון דער קהילה איז אָבער ניט אָפּגעשאַפט געוואָרן די נויטווענדיקייט ווײַטער צו פירן דעם קאַמף פאַר דער ייִדישער שול.

און אין משך פון קאַמף איז אַלץ מער קלאָר געוואָרן די נייטיקייט אין אַ צענטראַליזירטער שול=אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל זיך שטעלן אַ צווייאיניקן צוועק פון רעפּרעזענטירן די נײַע ייִדישע שול כלפּי=חוץ און פאַרפולקומען זי אינווייניק. די גאַנצע צײַט איז געגאַנגען אַן אַרבעט בלויז אין דער ב ר ײ ט פון דער שול=בויאונג, מ'האָט געמוזט אַריבערגיין צו אַ נײַער סטאַדיע פון אַרבעט, צו אַרבעט אי ן ד ע ר ט י ף, צו דער אַרבעט פון סיסטעמאַטיזירונג און אינערלעכער פ אַ ר א י י נ ה י י ט ל ע כ ו נ ג.

און דאָס האָט צײַטיק געמאַכט דעם געדאַנק פון גרינדן אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע פאַר דעם ייִדיש=וועלטלעכן שול=וועזן אין ווילנע, ביז דאָס איז פאַרווירקלעכט געוואָרן דורך דער גרינדונג פון צענטראַלן בילדונגס=קאָמיטעט (צ. ב. ק.).

דאָס איז געווען אין מאַי 1919, ניט לאַנג נאָך דעם, ווי ווילנע האָט איבערגעלעבט די בלוטיקע אַפּריל=טעג. אין דער ווילנער ייִדישער גאַס האָט נאָך געהערשט אַ אומבאַהאָלפנקייט און צעשראָקנקייט. אַלע זײַנען געווען טעראָריזירט און מיט שרעק האָט מען געוואַרט, וואָס ס'וועט ברענגען דער מאָרגנדיקער טאָג. די אַרבעטסלאָזיקייט איז געווען אַ אומגעהערטע, דער יקרות איז געווען גרויס און אין אַזאַ אַטמאָספערע איז אויסגעקומען צו אַרבעטן אין די שולן.

די לערער האָבן אָבער געהאַלטן, אַז זיי טאָרן ניט אַוועקגיין גראָד איצט פון שול, פלעגן זיי אַרבעטן, פלעגן זיי באַגלייטן די קינדער אַהיים, כדי צו פאַרהיטן זיי פון אָנפאַלן.

די שולן האָבן זיך איצט דערפילט באַזונדערס איינזאַם. אין דער צײַט פון דער דײַטשער אָקופּאַציע זײַנען אַרום די שולן, ווי געזאָגט, געווען מכלומרשטע געזעלשאַפטן, וועלכע האָבן, אמת, קיין השפּעה אויפן אינווייניקסטן לעבן פון די שולן ניט געהאַט, אָבער זײַנען דאָך געווען אַן אָרט, וואוהין די לערער פלעגן קומען באַראַטן זיך, וואוהין זיי פלעגן זיך ווענדן מיט זייערע פריידן און ליידן.

פאַר דער קורצער צײַט פון דער באָלשעוויסטישער הערשאַפט נאָך די דײַטשן זײַנען זיך אָבער די געזעלשאַפטן, ריכטיקער: די קאָמיטעטן, פונאַנדערגעפאַלן. די באָלשעוויסטישע מאַכט, וואָס האָט ניט טאָלערירט קיין געזעלשאַפטלעכע איניציאַטיווע, האָט לײַכט געמאַכט אַ סוף צו די פאַרשיידענע „בילדונגס=געזעלשאַפטן". די לעצטע אָנדערטהאַלבן מאָנאַטן פון דער ראַטנמאַכט אין ווילנע זײַנען די שולן געווען באַזאָרגט, מען האָט זיך שוין געקאָנט אָפּגעבן דער אינווייניקסטער אַרבעט, און די שולן האָבן פרײַער אָפּגעאָטעמט.

נאָר ניט לאַנג האָט עס געדויערט.

אין מאַי האָבן זיך די שולן דערזען אין אַ סך אַן ערגערער לאַגע, ווי אין דער צײַט פון דער דײַטשער אָקופּאַציע. אויף דער קהילה, וואָס האָט אין יענעם מאָמענט אָנגעהויבן ווידער אַרויסצווײַזן סימנים פון לעבן, האָבן די ייִדיש=וועלטלעכע שולן געלייגט קליינע האָפענונגען, ווײַל דאָן זײַנען די לינקע אין דער קהילה ניט געווען פאַרטראָטן.

ס'איז קלאָר געוואָרן פאַר אַלעמען, אַז ס'מוז געשאַפן ווערן אַן אַלגעמיינער שול=צענטער.

ס'איז נאָר שווער געווען צו קאָנקרעטיזירן דעם פּלאַן פון אַזאַ צענטער.

זײַנען צונויפגערופן געוואָרן אַ רײ פאַרזאַמלונגען, אין וועלכע ס'האָבן זיך באַטייליקט, אַחוץ די לערער, פאָרשטייער פון די סימפּאַטיזירנדיקע געזעלשאַפטן, און נאָך וויכּוחים איז באַשלאָסן געוואָרן צו בילדן דעם צענטראַלן בילדונגס=קאָמיטעט.

אין ערשטן קאָמיטעט, וועלכער איז באַשטאַנען פון 15 מיטגלידער, זײַנען צווישן אַנדערע געוויילט געוואָרן ש. ניגער און דער פאַרשטאָרבענער ש. אַנ—סקי. דער צ. ב. ק. איז געוויילט געוואָרן פון אַ כּריער=צוזאַמענגעשטעלטן פּלענום, וועלכער איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע געזעלשאַפטן: א) ייִדישער לערער=פאַרבאַנד, ב) קולטור=ליגע, ג) ייִדישע קולטור=סעקציע בײַ די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ד) קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער", ה) קולטור=קאָמיסיע בײַם „בונד", ו) קולטור=קאָמיסיע בײַ דער „דעמאָקראַטישער פּאַרטיי", ז) קולטור=קאָמיסיע בײַ די „פאַראייניקטע", ח) קולטור=קאָמיסיע בײַ די „פּועלי=ציון" און אַחוץ דעם פאָרשטייער פון אַלע פּעדאַגאָגישע ראַטן אין די ייִדיש=וועלטלעכע לערן=דערציערישע אַנשטאַלטן.

ס'איז גלײַכצײַטיק אײַנגעשטעלט געוואָרן דער סטאַטוט פון צ. ב. ק.

מיר ברענגען דאָ די וויכטיקסטע פּונקטן פון דעמדאָזיקן סטאַטוט:

1) דער צ. ב. ק. שטעלט זיך אַלס ציל — פאַרפעסטיקן די ייִדיש=וועלטלעכע שול און אַוועקשטעלן זי אויף דער געהעריקער הייך.

2) כדי צו דער רייכן דעמדאָזיקן ציל, שטעלט זיך דער צ. ב. ק. די אויפגאַבן:

א) אַרײַנטראָגן אַ איינהייטלעכקייט אין דער פּעדאַגאָגישער אַרבעט פון דער ייִדישער שול;

ב) העלפן שאַפן די נייטיקע לערנביכער און לערן=מכשירים פאַר דער שול;

ג) אויסאַרבעטן פּראָגראַמען און לערן=פּלענער פאַר דער שול;

ד) צוגרייטן אַ לערער=פּערסאָנאַל פאַר דער שול און זאָרגן, אַז די אויסבילדונג פון שול=לערער זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן אויף דער נייטיקער הייך דורך דער גרינדונג פון פּעדאַגאָגישע קורסן, אָרגאַניזירונג פון אויסשטעלונגען, עקסקורסיעס, ביבליאָטעקן, רעפעראַטן א. אַז. וו.;

ה) האָבן אַ השגחה איבער דער פּעדאַגאָגישער טעטיקייט פון אַלע ייִדישע וועלטלעכע שולן;

ו) עפענען נײַע שולן, ביבליאָטעקן און מוסטער=אַנשטאַלטן.

3) אַלס מיטגלידער פון צ. ב. ק. קענען זײַן פּעדאַגאָגישע ראַטן פון די ייִדיש=וועלטלעכע שולן און די אַלע קולטור=און בילדונגס=חברות, וועלכע שטייען אויפן באָדן פון דער ייִדיש=וועלטלעכער שול.

די טעטיקייט פון צ. ב. ק. האָט זיך פאַר די העכער $2^1/_2$ יאָר (פון מאַי 1919 ביז דעצעמבער 1921 יאָר) גוואַלדיק פונאַנדערגעוואַקסן און פאַרצווייגט.

אין דעם פּראָצעס פון דער אַרבעט גופא זײַנען אַרויסגעשוואומען אַלץ נײַע אויפגאַבן און ס'האָט זיך כּסדר פאַרגרעסערט זײַן ווירקונגס=קרייז סײַ קוואַנטיטאַטיוו, סײַ קוואַליטאַטיוו.

בכלל גענומען דאַרף די טעטיקייט פון צ. ב. ק. פאַר דער אָנגערופענער צײַט אײַנגעטיילט ווערן אין 2 פּעריאָדן:

א) ביז דער צ. ב. ק. האָט אויף זיך איבערגענומען די ווירטשאַפטלעכע באַזאָרגונג פון זײַנע אַנשטאַלטן (פון מאַי 1919

ביז יאַנואַר 1921) און ב) פון דעם מאָמענט אָן (פון יאַנואַר ביז דעצעמבער 1921).

אין ערשטן פעריאָד גופא, פאַרשטייט זיך, האָט זיך די טעטיקייט פון צ. ב. ק. אַנטוויקלט און האָט אָנגענומען אַלץ א ברייטערן היקף.

ס'קענען דאָ צוליב מאַנגל אין פּלאַץ ניט אויסגערעכנט ווערן אַלע אונטערנעמונגען פון צ. ב. ק. לטובת די דורך אים אָנגעמערקטע צילן. דאָ וועט נאָר אָנגעוויזן ווערן אויף די הויפּטאַרבעטן, וועלכע דאַרפן פאַרטיילט ווערן אויף פאָלגנדיקע גרופּן:

א) זאָרג פאַרן אינערלעך-פּראָגראַמאַטישן אינהאַלט פון די אַנשטאַלטן;

ב) זאָרג פאַר דער פאַרפולקומונג און צוגרייטונג פון די לערער;

ג) רעפּרעזענטאַנץ און אינטערווענירונג כלפי-חוץ.

ד) פאַרברייטונג פון דער שול-נעץ;

ה) אויפקלערונגס-אַרבעט צווישן דער געזעלשאַפט;

וואָס ס'איז נוגע דעם ערשטן פּונקט, האָט זיך די אַרבעט פון צ. ב. ק. אָנגעהויבן פון ערשטן טאָג פון זיין גרינדונג. עס זיינען צו דעם צוועק געגרינדעט געוואָרן פּראָגראַם-קאָמיסיעס, וועלכע האָבן איינגעשטעלט א פּלאַן פון אַ מינימאַלער פאַראיינהייטלעכונג, אויסגעאַרבעט פּראָגראַמען פון באַזונדערע געגנשטאַנדן, טערמינאָלאָגיעס, מיטגעהאָלפן דער שאַפונג פון די נייטיקע לערנביכער און לערנמכשירים (שפּעטער זיינען די לעצטע פונקציעס אינגאַנצן אַריבער צו דער אַזויגערופענער „צענטראַלער יידישער שול-אָרגאַניזאַציע"). ס'איז געשאַפן געוואָרן אויף אָנצופירן מיט דער אַרבעט אַ ספּעציעלער אינסטרוקטאָריאַט (אין געגעבענעם מאָמענט באַשטייט ער פון א אינסטרוקטאָר פאַר די מאָרגנשולן און אָוונטשולן און אַ אינסטרוקטאָרין פאַר די אַנשטאַלטן פון פאַרשול-דערציאונג).

אין דער ריכטונג פון לערער-פאַרפולקומונג האָט דער צ. ב. ק. מיטגעאַרבעט ביי דער אָרגאַניזירונג פון די ערשטע 2-יאָריקע פּעדאַגאָגישע קורסן אין ווילנע, האָט געגרינדעט (צוזאַמען מיט „אָזע" און יעקאָפּאָ) ספּעציעלע 2-יאָריקע פּרעבעל-קורסן, שפּעטער, אין נאָוועמבער 1921, האָט ער געגרינדעט דעם ערשטן 4-יאָריקן לערער-סעמינאַר, וועלכער איז אַ צענטראַלע אַנשטאַלט פאַר גאַנץ פּוילן און זאָגט צו צו ווערן איינער פון די וויכטיקסטע יידישע אינסטיטוטן ניט נאָר אין ווילנע אַליין.

ס'איז געגריגדעט געוואָרן אַ ספּעציעלע לערער-אווידיטאָריע, אין וועלכער ס'ווערן געלייענט פאָרטראָגן אויף פאַרשיידענע פּעדאַגאָגישע און מעטאָדאָלאָגישע טעמען, ס'ווערן איינגעאָרדנט שמועסן און אַז. וו.

די אַרבעט פון די באַזונדערע צווייגן ווערט געפירט אין ספּעציעלע סעקציעס און קאָמיסיעס. די הויפּט-סעקציעס זיינען דריי: א) פ אַ ר ש ו ל - ס ע ק צ י ע, וועלכע פאַרנעמט זיך מיט אַלע פראַגן פון דער שול-דערציאונג, ב) שול סעקציע פאַר אַלע פראַגן פון שול-דערציאונג. ביי דער דאָזיקער סעקציע אַרבעטן אַ ריי קאָמיסיעס פאַר באַזונדערע פראַגן, ווי פּראָגראַמען פון באַזונדערע געגנשטאַנדן א. אַ. ג) אויסערשול-סעקציע — פאַר די פראַגן פון בילדונג פאַר דערוואַקסענע.

די רעפּרעזענטאַנץ-אַרבעט האָט אויך געפאָדערט אַ סך ענערגיע. ס'איז אויסגעקומען פון צייט צו צייט אַרויסצוטרעטן אין נאָמען פון די יידיש-וועלטלעכע אַנשטאַלטן פאַר דער מאַכט אין פאַרשיידענע צייטן פון איר בייטן זיך. ס'איז כאַראַקטעריסטיש די אָנערקענונג, וואָס דער צ. ב. ק. דאָט אויסגעקעמפט פאַר זיך ביי די פאַרשיידענע מאַכטן, וואָס דאָ זיינען געהערשט אין ווילנע.

דער בילדונגס-קאָמיסאַריאַט ביי די באָלשעוויקעס האָט זיין צאַרגאַניזירט ביי אַ מיטהילף פון דעם צ. ב. ק., וועלכער האָט אין



קאָמיסאַריאַט געשיקט זיינע מענטשן. די ליטווישע מאַכט האָט איינגעלאַדן אַ פאַרוואַלטער איבער די יידישע שול-ענינים, לויט דער אָנווייזונג פון צ. ב. ק. די מיטל-ליטווישע רעגירונג האָט זיך געווענדט צום צ. ב. ק., ער זאָל באַשטימען אַ פאַרוואַלטער פון דער יידישער סעקציע ביי דעם בילדונגס-דעפּאַרטאַמענט, וואָס דער צ. ב. ק. האָט צוליב פאַרשיידענע טעמים, ניט געפונען פאַר מעגלעך צו באַפרידיקן.

די נעץ פון די יידיש-וועלטלעכע אַנשטאַלטן ביי דעם צ. ב. ק. האָט פאַר דער באַריכטס-צייט זיך שטאַרק פאַרברייטערט. ס'האָבן זיך געעפנט נייע קלאַסן ביי די פון פריער פונקציאָנירנדיקע אַנשטאַלטן. ס'האָט זיך אָבער אויך געעפנט אַ ריי נייע אַנשטאַלטן. אַזוי האָט סוף פאָריקן (1920) יאָר דער צ. ב. ק. אַריינגענומען אין זיין נעץ דעם אַרבעטער-קינדער-אינטערנאַט, וועלכער שטעלט פיט זיך פאַר דעם ערשטן פּרוב פון אַ קינדער-קאָמונע. אין אינטערנאַט געפינט זיך 30 קינדער. אין אַווגוסט ד. י. איז אויך אַריבער צום צ. ב. ק. אַ גימנאַזיע, וועלכע איז ביז אַהער געווען אַ פּריוואַטע, נאָר האָט שוין פון פריער געהאַט איינגעפירט ביי זיך יידיש אַלס אונטעריכטס-שפּראַך.

דעם 30 אָקטאָבער 1921 האָט זיך געעפנט דער לערער-סעמינאַר, אין וועלכן ס'לערנען זיך 45 תלמידים און תלמידות. בראש פון סעמינאַר, וואָס איז אויסגערעכנט אויף אַ 4-יאָריקן דויער, שטייען דערפאַרענע פּעדאַגאָגן

אין איצטיקן מאָמענט געהערן צום צ. ב. ק. פאָלגנדיקע אַנשטאַלטן: 7 קינדערגערטנער, 12 פאָלקסשולן, 5 אָוונטשולן, 2 גימנאַזיעס, 1 לערער-סעמינאַר, 1 אינטערנאַט און 1 קינדער ביבליאָטעק (די איינציקע אין גאַנצן קאַנט), צוזאַמען 29 אַנשטאַלטן.

אין די אַנשטאַלטן געפינען זיך 120 גרופּן און קלאַסן, אין וועלכע ס'לערנען זיך אַרום 4000 קינדער און אונטערדערוואַקסענע.

אין דער קינדער-ביבליאָטעק זיינען דאָ ביז 1200 לעזער.

די אַלגעמיינע אָרגאַנען פון צ. ב. ק. זיינען פאָלגנדיקע דער פּלענום, אין וועלכן ס'גייען אַריין פאָרשטייער פון אַלע לערנאַנשטאַלטן און פון די נאָענטע פּאָליטישע און קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס. דער פּלענום קלייבט פון זיך אויס אַן אויספיר-קאָמיטעט, וועלכער פירט אָן מיט דער גאַנצער אַרבעט פון צ. ב. ק. דער אויספיר-קאָמיטעט טיילט פון זיך אויס א פּרעזידיום, וואָס באַהאַנדלט אַלע קלענערע און אַקטועלע פראַגן (ניט פּרינציפּיעלע, נאָר פּראַקטישע).

ביי דעם אויספיר-קאָמיטעט אַרבעטן אַ ריי קאָמיסיעס, ווי דיווירטשאַפטס-קאָמיסיע, פאַר דער ווירטשאַפטלעכער קאָנטראָלירונג און באַזאָרגונג פון די איינצלנע שולן, אַ פינאַנץ-ביודזשעט-קאָמיסיע, וואָס איר אויפגאַבע איז צו זאָרגן פאַר אַ נאָרמאַלן ביודזשעט, אויסזוכן מיטלען א. אַ. וו.

די ריין-פּעדאַגאָגישע אָרגאַנען ביי דעם צ. ב. ק. זיינען פאָלגנדיקע: א) שול-סעקציע, אין וועלכער ס'ווערן באַהאַנדלט אַלע פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו די פאָלקסשולן און מיטלשולן; ב) אויסערשול-סעקציע פאַר אַלע פראַגן פון די אָוונט-שולן. בראש פוןביידע סעקציעס שטייט דער שול-אינסטרוקטאָר, וועלכער באַזוכט סיסטעמאַטיש די שולן און אינסטרוקטירט זיי; ג) פאַרשול-סעקציע, פאַר די פראַגן פון די קינדערגערטנער, בראש פון דער סעקציע שטייט די אינסטרוקטאָרין פאַר די קינדערגערטנער.

אַלס שטענדיקע אינסטיטוציעס פונקציאָנירן נאָך ביי דעם צ. ב. ק. די עלטערן-אווידיטאָריע און די לערער-אווידיטאָריע.

אין דער עלטערן-אווידיטאָריע ווערן כמעט יעדן שבו

געהאַלטן פאָרלעזונגען אויף פאַרשיידענע פּעדאַגאָגישע און אַלגעמיין-געזעלשאַפטלעכע טעמעס. נאָך די פאָרלעזונגען ווערן געפירט שמועסן אין וועלכע ס'נעמען אָנטייל די עלטערן גופא. די עלטערן-אוידיטאָריע האָט דעם צוועק צו דערנעענטערן די עלטערן צו דער נייער שול און צו שאַפן דעם נייטיקן קאָנטאַקט צווישן שול און היים.

די עלטערן-אוידיטאָריע האָט באַוויזן צו קויפן זיך אַ גרויסע פּאָפּולאַריטעט ביי די עלטערן; די פאָרלעזונגען ווערן באַזוכט זייער גערן (דורכשניטלעך צ' 100 מאַן אויף אַ פאָרלעזונג).

די לערער-אוידיטאָריע שטעלט זיך די אויפגאַבע פּעדאַגאָגיש צו פאַרפולקומען די לערער. פון צייט צו צייט ווערן אין איר געלייענט פאָרטראָגן אויף פאַרשיידענע פּראַקטישע און טעאָרעטיש-פּעדאַגאָגישע טעמעס.

אַחוץ דעם פונקציאָנירט ביי דעם צ. ב. ק. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וועלכע זאָרגט פאַר יענע קינדער, וואָס זיינען פאַרבליבן מחוץ אַ שול. דורך דערדאָזיקער קאָמיסיע ווערן אַראַנזשירט פאָרלעזונגען מיט צויבער-בילדער, פּאָפּולערע לעקציעס און קאָנצערטן.

די אַלע אויסגערעכנטע אַרבעטן האָבן זיך אויך געפירט אין דעם צווייטן פּעריאָד, נאָכדעם, ווי דער צ. ב. ק. איז געווען געצוואונגען (אין יאַנואַר 1921) איבערצונעמען אויך דיווירטשאַפטלעך-פינאַנציעלע באַזאָרגונג פון די שולן.

(אין דעם דערמאָנטן יאַנואַר-חודש האָט די קהילה, וועלכע האָט די גאַנצע צייט אויסגעהאַלטן די שולן, אַראָפּגענומען פון זיך די אחריות פאַר זיי, און ווען דער צ. ב. ק., וועלכער האָט זיך לכתחילה געגרינדעט צוליב ריין-פּעדאַגאָגישע צוועקן, וואָלט די שולן ניט איבערגענומען, וואָלט זיי געדראָט די סכנה פון שליסן זיך).

פון דעם מאָמענט אָן האָט אומפאַרמיידלעך געמוזט אין אַ געוויסער מאָס ליידן די אייגנטלעכע אַרבעט פון צ. ב. ק., די ריין-פּעדאַגאָגישע, ווייל אַ גרויסע אויפמערקזאַמקייט האָט געמוזט אָפּגעגעבן ווערן די מאַטעריעלע זאָרגן.

און גראָד זיינען די מאַטעריעלע זאָרגן אין איצטיקן מאָמענט, צוליב דעם גוואַלדיקן וואוקס פון די יידיש-וועלטלעכע אַנשטאַלטן, אַזוי באַשווערט, אַז ניט תמיד איז געלונגען צו דעקן די דעפיציטן פון ביודזשעט. אין געגעבענעם מאָמענט האָט דער צ. ב. ק. אַ מאָנאַטלעכן ביודזשעט פון העכער צען מיליאָן מאַרק. און ביי דער אומגעהייערער הוצאה זיינען די הכנסה-מקורים זייער פּראָבלעמאַטיש.

די הכנסה-מקורים פלעגן זיך די גאַנצע צייט צונויפשטעלן אויף פאָלגנדיקן אופן:

א) אונטערשטיצונגס-סכומען פון אַמעריקע (פריער פון ה. ד. ק. און שפּעטער פון דעם „פּיפּלס-רעליעף"); ב) שכר-לימוד, און ג) באַשטימטע סובסידיעס פון דער רעגירונג.

וואָס ס'איז נוגע די אונטערשטיצונגס-געלטער פון אַמעריקע, ווערן זיי אַלץ פאַרמינערט און ס'איז צו ערוואַרטן, אַז זיי זאָלן זיך גאָר אינגיכן אינגאַנצן אָפּשטעלן.

די רעגירונגס-סובסידיעס זיינען געווען אַזעלכע נישטיקע (זיי האָבן סך-הכל געדעקט ביי 5% פון ביודזשעט) און דער עיקר—צופעליקע, אַז בויען אויף זיי איז ניטאָ קיין מעגלעכקייט.

דער איינציקער מער זיכערער הכנסה-קוואַל איז, אויף אַזאַ אופן, געווען דער שכר-לימוד פון די עלטערן. און דער צ. ב. ק. האָט טאַקע אונטערגענומען טריט, ביי דער אַקטיווער מיטהילף פון די עלטערן-אָרגאַניזאַציעס (אַזעלכע זיינען שוין טעטיק ביי 15 אַנשטאַלטן און זיינען פאַראייניקט אין אַ צענטראַלן עלטערן-קאָמיטעט, צ. ע. ק.), דורכצופירן דעם ג ר ע ס ט ן שכר-לימוד.

צוליב דעם אָבער, וואָס אין די צ. ב. ק.-אַנשטאַלטן לערנען זיך, ביי קליינע אויסנאַמען, די קינדער פון די אָרימסטע שיכטן, האָט דער פאַרגרעסערטער שכר-לימוד ניט געקענט דערהויבן זיך צו אַזאַ סכום, ער זאָל קענען דעקן אַ באַדייטנדיקן טייל פון ביודזשעט.

פון אַלע אַנשטאַלטן דעקט דער שכר-לימוד נאָר פון איין אַנשטאַלט (רעאַל-גימנאַזיע) 70% פון ביודזשעט, 2 צו 30% און די איבעריקע צו 15%—25 פון ביודזשעט.

די לעצטע צייט האָט דער צ. ב. ק. זיך פאַרנומען מיט אַ גרעסערער אויפקלערונגס-אַרבעט צווישן די עלטערן בנוגע דער פראַגע פון פאַרזיכערן די עקסיסטענץ פון זיינע אַנשטאַלטן און האָט אונטערגענומען אַ ריי ענערגישע אַקציעס צו פאָדערן פון דער רעגירונג און מאַגיסטראַט, זיי זאָלן א ו י ס ה אַ ל ט ן די שולן.

פון די דאָזיקע אַקציעס דאַרפן פאַרצייכנט ווערן דאָס שיקן אַ ריי מעמאָראַנדומס צו דעם בילדונגס-דעפּאַרטאַמענט און דעלעגאַטור פון דער פּוילישער רעפּובליק ביי דער צייטווייליקער רעגירונגס-קאָמיסיע אין מיטל-ליטע, ווי אויך פּערזענלעכע אינטערווענצן אין די דערמאָנטע אָרגאַנען מצד פאָרשטייער פון צ. ב. ק.

ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ דעלעגאַציע פון די עלטערן צו דער רעגירונגס-קאָמיסיע און שטאָטראַט מיט ענלעכע פאָדערונגען.

ס'זיינען אויך געמאַכט געוואָרן טריט דורכצופירן אַ באַשטייערונג לטובת די אַנשטאַלטן פון צ. ב. ק. אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און אַלע איבעריקע סימפּאַטיזירנדיקע אַנשטאַלטן און שיכטן פון דער באַפעלקערונג.

ס'דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז צום מאָמענט פון צונויפשטעלן דעמדאָזיקן באַריכט, זיינען די רעזולטאַטן פון אַלע דערמאָנטע אונטערנעמונגען ניט קיין איבעריקס-באַפרידיקנדיקע. די אַרבעט ווערט אָבער ווייטער געפירט און ס'איז צו האָפן, אַז כוף-כל-סוף וועט די ווילנער יידישע דעמאָקראַטיע און אַרבעטערשאַפט, וואָס האָט אַזוי פיל מסירת-נפש אַריינגעלייגט אין דער שאַפונג פון זייערע לערן-דערציערישע אַנשטאַלטן, זיך דערשלאָגן צו דער אָנערקענונג פון די אַנשטאַלטן מצד דער רעגירונג.

דעצעמבער 1921.

י. רובין.

---

ביילאַגע № 1.

פאַרטיילונג פון די תלמידים לויטן געשלעכט אין די אַנשטאַלטן פון צ. ב. ק. (אין %):

| געשלעכט | קינדערגערטנער | פאָלקסשולן | גימנאַזיע | אָוונטשולן |
|---|---|---|---|---|
| יינגלעך | 45% | 41% | 43% | 59% |
| מיידלעך | 55% | 59% | 57% | 41% |

ביילאַגע № 2.

צאָל תלמידים לויט די אַנשטאַלטן.

| צאָל תלמידים | 50—40 | 100—50 | 150—100 | 200—150 | 250—200 | 300—250 | 350—300 | 400—350 | העכער פון 400 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| צאָל אַנשטאַלטן | 4 | 7 | 2 | 4 | 3 | 1 | 1 | 2 | 1 |

ביילאַגע № 3.

### סטאַזש פון די לערער אין די אַנשטאַלטן פון צ. ב. ק.

| צאָל יאָרן — — — | 1 יאָר | 2 יאָר | 3 יאָר | 4 יאָר | 5 יאָר | 6 יאָר | 7 יאָר | 8 יאָר | 9 יאָר | 10 יאָר | 11 יאָר | 12 יאָר | 13 יאָר | 14 יאָר | 15 יאָר | 16 יאָר | 17 יאָר | 18 יאָר | 19 יאָר | 20 יאָר | 22 יאָר | ס״ה |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| צאָל פּערזאָנען — — | 16 | 22 | 29 | 16 | 47 | 17 | 4 | 4 | 14 | 15 | 2 | 2 | 6 | 1 | 3 | 2 | 1 | 1 | 1 | 3 | 1 | 207 |

ביילאַגע № 4.

### סאָציאַלער באַשטאַנד פון די עלטערן, וועמעס קינדער ס׳לערנען זיך אין די אַנשטאַלטן פון צ. ב. ק.

| אַרבעטער און האַנטווערקער | אָנגעשטעלטע | לערער | אַרבעטסלאָזע | כּלי-קודש | קליינהענדלער און קרעמער | יתומים |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1786 | 367 | 38 | 318 | 40 | 701 | 446 |

— — — — —

ביילאַגע № 5.

## לעקציעס און באַזוכונג לויט די אודיטאָריעס.

### א) קינדער אודיטאָריע.

| לעקטאָר | טעמע | צאָל באַזוכער |
|---|---|---|
| א. בולקין | שטיינקוילן | 290 |
| רודניצקי | אַסטראָנאָמיע | 300 |
| ש. באַסטאָמסקי | פּריטיאָף נאַנסען | 310 |
| — | קאָנצערט | 730 |
| י. זאַוולס | יאַפּאָניע | 605 |
| י. גערשטיין | שווייץ | 525 |
| ר. סימכאָוויטש | איטאַליע | 410 |
| דודל | לופטפליערײ | 405 |
| א. בולקין | אַמעריקע | 455 |
| ליטוואַק | וואולקאַנען | 410 |
| — | קאָנצערט | 550 |
| — | 〃 | 400 |
| ב. איסוראָוויטש | אינדיע | 525 |

### ב) לערער-אודיטאָריע.

| לעקטאָר | טעמע | צאָל באַזוכער |
|---|---|---|
| — | פּעדאַגאָגישער שמועס | 120 |
| סטודניצקי | אַלטע ווילנע | 140 |
| ס. שאַבאַד | פּעטערבורגער אינטערנאַטן | 350 |
| — | דעפעקטיווע קינדער | 400 |
| שוכטער | יידישע שול אין אַמעריקע | 300 |
| א. בערגער | מאַלאַכאָווקע | 400 |
| י. רובין | קאָלעקטיוויזם און אינדיווידואַליזם אין שול | 300 |
| יאָפע — בערגער | קולטור-צוזאַמענפאָר אין מאָסקווע | 300 |
| א. בערגער | וויסנשאַפט אין קינדערגאָרטן | 450 |
| דמאָכאָווסקי | אַרבעטס-פּרינציפּ ביים לימוד פון פיזיק | 280 |
| ר. סימכאָוויטש | אַרבעטסשול | 400 |
| מ. מענדעלסאָן | נייע באַגריפן פון עלעמענט | 300 |
| צביון | יידישע קולטור אין אַמעריקע | 650 |

### ג) עלטערן-אודיטאָריע.

| לעקטאָר | טעמע | צאָל באַזוכער |
|---|---|---|
| י. גורעוויטש | קינדער אויסער דער שול | 250 |
| ד״ר חייט | שול און היים-היגיענע | 275 |
| ש. ידידאָוויטש | געשיכטע פון דער יידישער שול | 315 |
| ר. סימכאָוויטש | שכר און עונש אין שול | 400 |
| ה. סעניצקי | קינדערגאָרטן | 300 |
| ר. סימכאָוויטש | שכר און עונש אין שול | 420 |
| ג. פלורערמאַכער | אין וועלכע שול דאַרפן מיר שיקן אונזערע קינדער | 300 |
| ידידאָוויטש — גערשטיין | שול-צוזאַמענפאָר | 400 |
| י. רובין | געמישטע שולן | 250 |
| ג. פלודערמאַכער | וועלטלעכע און רעליגיעזע שולן | 200 |
| י. רובין — ידידאָוויטש | עלטערן-קאָמיטעטן | 300 |



# ווילנער יידישער לערער-פאַרבאַנד.

דער ווילנער לערער-פאַרבאַנד האָט געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע אין בויען די וועלטלעכע יידישע שול. די אַרבעט זיינע איז אַ שטיק געשיכטע פון דער נייער יידישער שול בכלל און אין ליטע בפרט.

דער ווילנער לערער-פאַרבאַנד האָט זיך געגרינדעט אין חודש סעפּטעמבער 1915 נאָך דער עוואַקואַציע פון די רוסן.

פריער, פאַר דער ממשלה פון די רוסן ביז אויגוסט 1915, האָט אין ווילנע אין משך פון עטלעכע יאָר עקסיסטירט אַ געזעלשאַפט פאַר קעגנזייטיקער הילף, וואָס האָט פאַראייניקט די „קאַזיאָנע" ווילנער לערער און לערערינס. די געזעלשאַפט האָט געטראָגן אַן אויסגעשפּראָכן אַסימילאַטאָרישן כאַראַקטער. זי האָט געהאַט אַ פאָנד פון עטלעכע טויזנט רובל (פאַר יענער צייט — אַ היבשער קאַפּיטאַל), פלעגט אַרויסגעבן שטיצע די נויטבאַדערפטיקע חברים, און מיט דעם האָט זיך אויסגעשעפּט איר גאַנצע אַרבעט.

צוליב פאַרשיידענע סיבות, דערהויפּט צוליב דער מאָביליזאַציע, זיינען אין אויגוסט 1915 אין ווילנע פאַרבליבן אַ סך לערער, וואָס האָבן געקראָגן ספּעציעלע פּעדאַגאָגישע בילדונג. אויך זיינען דאַן קיין ווילנע אָנגעפאָרן לערער פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. אַלע קאַזיאָנע יידישע שולן האָבן זיך עוואַקואירט צוזאַמען מיט די איבעריקע קאַזיאָנע אַנשטאַלטן. דאָס רוב פון די קאַזיאָנע לערער איז אַרויסגעפאָרן קיין רוסלאַנד. אין ווילנע זיינען פאַרבליבן נאָר אַ פּאָר געזעלשאַפטלעכע שולן און קינדערהיימען. אין די דאָזיקע שולן זיינען געווען באַשעפטיקט נאָר אַ קליינע צאָל פון די לערער און ס'האָבן זיך געלערנט אַ קליינע צאָל קינדער. די גאַנצע מאַסע לערער איז געווען אַרבעטסלאָז, דאָס רוב פון די ווילנער קינדער זיינען געווען אויסער דער שול. פאַר די לערער שטייען דאַן צוויי אויפגאַבן: א) אָרגאַניזירן זיך, ב) בויען נייע שולן. נאָך אַ ריי פאַרזאַמלונגען איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ לערער-פאַראיין, וואָס זאָל פאַרטיידיקן די פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן און זאָל זיך שטעלן ברייטע קולטורעלע אויפגאַבן. די הויפּט-פּונקטן פון אָנגענומענעם סטאַטוט זיינען פאָלגנדיקע: 1) דער פאַראיין שטייט אויפן שטאַנדפּונקט פון קלאַסנקאַמף (קיין אונטערנעמער ווערן ניט אָנגענומען פאַר מיטגלידער); 2) דער פאַראיין אָנערקענט, אַז די יידישע שול מוז זיין אַ וועלטלעכע; 3) דער פאַראיין אָנערקענט, אַז די איינציקע אונטערריכטס-שפּראַך אין דער יידישער שול איז יידיש.

דער לעצטער פּונקט האָט אַרויסגערופן אַן אָפּאָזיציע מצד די לערער רוסיפיקאַטאָרן, וועלכע האָבן זיך אַזוי לייכט ניט געקאָנט זעגענען מיט דער געוויינהייט צו לערנען אין רוסיש און אפילו ניט געוואָלט הערן וועגן אַ יידישער שול. אַ גרויסער טייל פון זיי האָט זיך תיכף גענומען בויען רוסישע שולן, די אַזוי-גערופענע „גרופּעס". וואָס די גרופּעס האָבן פאָרגעשטעלט, איז גאָר מיאוס צו דערציילן. איין זאַך קאָן מען נאָר זאָגן וועגן זיי — דאָס זיינען געווען ניט קיין שולן, נאָר קרעמלעך, אין וועלכע מ'האָט געשמוכלט אויף וואָס די וועלט שטייט און וועלכע האָבן פיל שאָדן געבראַכט דעם נאָרמאַלן אויפבוי פון דער יידישער שול. די דאָזיקע גרופּעס זיינען איצט שוין פאַרמשפּט געוואָרן אפילו פון דאָס רוב זייערע אייגענע לערער. דאָך קען מען ניט זאָגן, אַז ווילנע זאָל זיך שוין האָבן אינגאַנצן באַפרייט פון זיי. באַקעמפן די דאָזיקע גרופּעס — דאָס איז געווען אַ שווערע אויפגאַבע פון פאַראיין. דער אמתער יידישער פאָלקסלערער האָט אָבער גלייך פאַרשטאַנען, וואָס עס פאָדערט פון אים די היסטאָרישע שעה. ניט געקוקט אויף קיינע קרבנות, האָט ער זיך געטאָן זיין אַרבעט, געלייגט אַ שטיין נאָך אַ שטיין צום פונדאַמענט פון דער נייער יידישער שול.

ערשט זייענדיק אָרגאַניזירט האָט דער לערער געהאַט אַ מעגלעכקייט צו טאָן די גרויסע אַרבעט פון בויען די נייע יידישע שול. דער פאַרבאַנד האָט אָנגעפירט מיטן אינעווייניקסטן און אויסערלעכסטן קאַמף, ער איז שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך, האָט פאַרטיידיקט די שול, דעם כבוד און די מאַטעריעלע אינטערעסן פון דעם לערער. אין משך פון דער צייט, וואָס דער פאַרבאַנד עקסיסטירט, דערהויפּט אין די ערשטע צוויי יאָר, זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גאַנצע ריי פאָרטראָגן וועגן די יסודות פון דער יידישער שול (א. הײלפּערן, מ. שור) וועגן די אויפגאַבן פון דעם לערער (ג. פלודערמאַכער), וועגן רעליגיע אין שול (פּאַר—מ. סעניצקי; קעגן—ג. פלודערמאַכער, י. מיצקון א. א.), וועגן דער יידישער שפּראַך און אָרטאָגראַפיע (ז. רייזען, מאַקס ווײַנרײַך) א. א. עס זיינען אויסגעטיילט געוואָרן קאָמיסיעס אויף אויסצואַרבעטן טערמינאָלאָגיעס פון אַריטמעטיק (ש. באַסטאָמסקי, א. י. גאָלדשמידט, מ. טשוזשאָי, ד. לובאָצקי, מ. סעניצקי, ג. פלודערמאַכער און ז. רייזען), טערמינאָלאָגיע פון געאָמעטריע (ד"ר אָלשוואַנגער, מ. שור, ל. הורוויטש, מ. טשוזשאָי, ד. לובאָצקי, און ז. רייזען), טערמינאָלאָגיע פון געאָגראַפיע, אויסגעאַרבעט פון ז. רייזען, וועלכע אַ קאָמיסיע פון פאַרבאַנד האָט באַשטעטיקט. ס'איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פּראָגראַם פון געאָגראַפיע און נאַטורוויסנשאַפט, צונויפגעשטעלט פון העלענע כאַצקעלס מיט אַ ביילאַגע פון דער טערמינאָלאָגיע פון געאָגראַפיע. אַ קאָמיסיע פון פאַרבאַנד האָט דורכגעזען אַ לערנבוך פון נאַטורוויסנשאַפט (טויטע נאַטור) צונויפגעשטעלט פון ש. קוידאַנאָווסקי, אַ ספּעציעלע קאָמיסיע האָט רעדאַקטירט דעם לידער-זאַמלבוך פון א. בולקין און ל. עפּראָן, אַ קאָמיסיע פון פאַרבאַנד (ג. פלודערמאַכער, ש. ידידאָוויטש, י. גאָלדשטיין, ב. לובאָצקי) האָט צוזאַמען מיט ש. ניגער דורכגעזען דעם מאַטעריאַל פון דער כרעסטאָמאַטיע „דאָס לעבעדיקע וואָרט" צונויפגעשטעלט פון ש. באַסטאָמסקי און ז. רייזען. דער פאַרבאַנד האָט געזאָרגט אויך פאַר אויסערשוליקער בילדונג. ניט קוקנדיק אויף דעם מאַנגל אין געלט-מיטלען האָט דער פאַרבאַנד עטלעכע מאָל געשאָנקען ביכער אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעקן: „מפיצי השכלה" (2 מאָל), נאָדל-פאַך, גראָסער-קלוב א. אַנד. אַחוצדעם האָבן דעם אַקטיווסטן אָנטייל אין אַלע ביבליאָטעק-קאָמיסיעס גענומען די מיטגלידער פון פאַרבאַנד.

דער פאַרבאַנד האָט אָרגאַניזירט אַ גאַנצע ריי טרויער-אָוונטן צום יאָרצייט פון פאַרשיידענע שריפטשטעלער.

אין משך פון דער גאַנצער צייט האָט ביים פאַראיין עקסיסטירט אַ שול-ביוראָ פאַר דער פּראָווינץ. די לאַגע פון די יידישע שולן אויף דער פּראָווינץ איז געווען זייער אַ טרויעריקע. ניט קוקנדיק אויף הינדענבורגס ריכטליניען, לויט וועלכע די אונטערריכטס-שפּראַך פון דער שול האָט געדאַרפט זיין די מוטערשפּראַך, האָבן דאָך די דייטשן אויסגעבויט אין דער פּראָווינץ אַ נעץ שולן פאַר יידישע קינדער מיט דייטש אַלס אונטערריכטס-שפּראַך. סיי די עלטערן און סיי די לערער האָבן ניט אַרויסגעוויזן דעם נייטיקן ווידערשטאַנד. די עלטערן זיינען געווען פון איין זייט טעראָריזירט און געציטערט פאַרן דייטש אימת מות, פון דער אַנדער זייט זיינען זיי געווען אַזוי פאַרשמוכלט, אַז די בילדונג פון די קינדער איז זיי געלעגן אין דער לינקער פּאה. די „לערער" זיינען אייגנטלעך גאָר קיין לערער ניט געווען. דאָס זיינען געווען אָדער מלמדים פון אַלטן שניט מיט אַ ביסל אונטערגעשאָרענע בערדלעך און אונטערגעהאַקטע קאַפּאָטעס, אָדער סתם בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן זיך צו קיין אַנדער זאַך ניט געקאָנט נעמען. אַ קליינער טייל פון זיי האָט באַזוכט די דייטשע פּעדאַגאָגישע קורסן אין סובאַלק, אָבער די דאָזיקע קורסן האָבן זיי ווייניק וואָס געגעבן. מער ווי „שפּרעכן דייטש" און אויספירן פּינקטלעך די באַפעלן פון דער מאַכט האָבן זיי זיך דאָרטן ניט אויסגעלערנט. און די וויכטיקסטע באַפעלן זיינען געווען — אָנהייבן דייטש פון ערשטן יאָר אָן, לערנען דייטשע לידער א. ד. ג. פאָלגן דעם דייטש פלעגט מען אפילו דאַן, ווען ער פלעגט הייסן אַרבעטן מיטן שטאָק איבער די דאַרע ביינער פון די הונגעריקע יידישע קינדער...

די אַרבעט פון ווילנער פאַרבאַנד איז באַשטאַנען אין אויפקלערן (דורך דער פּרעסע ווי אויך דורך ספּעציעלע בריוו) די לערער און די עלטערן די געפאַר פון דער דייטשער שול, געבן אַלע אָנווייזונגען די יחידים לערער-אידעאַליסטן, וואָס האָבן געקעמפט פאַר אַ יידישער שול אויף ווי ווייט ס'איז נאָר מעגלעך געווען -- רעקאָמענדירן פּאַסיקע לערער, אַרויסגעבן פאַרשיידענע אָנווייזונגען וועגן ביכער, קינדערליטעראַטור וכדומה. עטלעכע מאָל האָט דער פאַרבאַנד איינגעאָרדנט אַ אויסשטעלונג פון די דאָזיקע ביכער.

דער וויכטיקסטער אויפטו פון דעם פאַרבאַנד אויפן קולטורעלן געביט זיינען די לערער-קורסן, וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרן לויט דער איניציאַטיווע פון ש. באַסטאָמסקי און ג. פלודערמאַכער. ווי נאָר ס'האָבן זיך אָנגעהויבן צו גרינדן אין ווילנע יידישע פאָלקסשולן, האָט די פאַרוואַלטונג גלייך געזען צו פאַרזאָרגן די שולן מיט צוגעפּאַסטע לערער און האָט געגרינדעט קורסן. די קורסן האָבן עקסיסטירט 9 חדשים (פון אַפּריל 1916 ביז פעבר. 1917) און האָבן אַרויסגעלאָזן 50 לערער און לערערינס. די צוהערער זיינען געווען דאָס רוב שילער פון ווילנער לערער-אינסטיטוט און געענדיקטע גימנאַזיסטקעס. ביי היינטיקן טאָג זיינען שוין אַלע פון זיי איינגעאָרדנט אין שולן. פאַר דער צייט, וואָס די קורסן האָבן עקסיסטירט, האָבן די צוהערער אויסגעהערט פאָלגנדע קורסן:

1) מ. שאַליט—יידישע ליטעראַטור, 2) ז. רייזען — די יידישע שפּראַך, 3) ג. פלודערמאַכער—די געשיכטע פון דער יידישער בילדונג פאַר דעם לעצטן יאָרהונדערט, 4) י. מיצקון—פּעדאַגאָגיק און פּסיכאָלאָגיע, 5) ה. כאַצקעלס—געשיכטע פון פּעדאַגאָגיק, 6) י. גורעוויטש—מעטאָדיק פון אַריטמעטיק, 7) ה. כאַצקעלס—מעטאָדיק פון נאַטורוויסנשאַפט און געאָגראַפיע, 8) מ. שור—דידאַקטיק, 9) מ. שור—שול-היגיענע, 10) א. הײלפּערן—מעטאָדיק פון געשיכטע, 11) ר. רייעס—מעטאָדיק פון לערנען לייענען און שרייבן, 12) ש. באַסטאָמסקי—וועגן יידישע לערנביכער, 13) ל. טורבאָוויטש—וועגן העברעאישע לערנביכער, 14), ש. קוידאַנאָווסקי—מעטאָדיק פון געזאַנג, 15) גימנאַסטיק (טעאָריע און פּראַקטישע איבונגען) אונטער דער אָנפירונג פון מ. מזאה.

אין משך פון 6 וואָכן האָט ביי די קורסן עקסיסטירט אַן אויסשטעלונג פון יידישע און העברעאישע לערנביכער, און פון קינדערליטעראַטור, אָרגאַניזירט פון ש. באַסטאָמסקי.

דערווייל איז די נייע יידישע שול אין ווילנע אויסגעוואַקסן און האָט זיך פאַרשטאַרקט. די אַרבעט פון לערער-פאַרבאַנד האָט זיך פאַרצווייגט. אָבער גראָד דאַן לעבט איבער ווילנע די שווערע הונגערצייט. די ברייטע מאַסע איז פאַרטאָן אין דאגות פּרנסה, מיט שולן אינטערעסירט זיך קיינער ניט. די דאַמאָלסטיקע רעדל-פירער (דער אַזויגערופענער צ. ק.) ווילן פון קיין שולן גאָרניט וויסן. ס'אַנטוויקלט זיך די באַרימטע „קאַרטאָפל-פּסיכאָלאָגיע". די מאַטעריעלע לאַגע פון לערער איז דאַן ערגער ווי שלעכט. מיט צרות גיט זיך איין די לערער אַרויסצורייסן פון צייט צו צייט עטלעכע הונדערט רובל פאַר די שולן און אין יענער צייט קומט אויס דעם פאַרבאַנד צו קעמפן חוץ אַלץ אויך פאַרן העכערן די סקאַלע אויף 25 רובל פאַר אַ שעה. ערגער פאַר אַלץ איז דאָס, וואָס ביים באַהאַנדלען די פראַגע וועגן געהאַלט, ווערט דער לערער כסדר באַליידיקט. וויפיל מי האָט געקאָסט די פאָרשטייער פון פאַרבאַנד, איידער זיי האָבן געפועלט מ'זאָל ריידן וועגן שולן און ניט וועגן לערער. סוף-כל-סוף פועלט דער פאַראיין ביים צ. ק. ער זאָל העכערן די סקאַלע — נאָר קיין געלט באַקומען די לערער ניט. דער חוב פאַרגרעסערט זיך, די לערער בלייבן אָבער אויף זייערע פאָסטנס. אויפן סדר-היום פון פאַרוואַלטונג שטייען דאַן די פראַגן וועגן אַ באַראַטונג מיט די לערער פון פראָווינץ, וועגן אַ פּעדאַגאָגישן זאַמלבוך... דערווייל הייבט מען אָן שטאַרקער צו פילן דעם דרוק פון די באַלעבאַטים די אשכנזים. זיי הייבן זיך אָן מישן אין דער אַרבעט, ווילן צעברעכן די יידישע שול. עס דערגייט דערצו, אַז זיי פאַרמאַכן גאָר די שולן כלומרשט מיט אַן אויסרייד צוליב דער עפּידעמיע. די לערער דערקענען אָבער די אמתע כוונה פון די באַלעבאַטים און עפענען אַליין די שולן. דאַן ווערן אייניקע לערער-פאַרוואַלטערס אַרעסטירט און זיצן אָפּ אין טורמע 10 טעג. דעם גאַנצן קאַמף מיט די דייטשן פירט אָן דער יידישער לערער-באַרבאַנד צוזאַמען מיט די לערער פון די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן. דאָס אינטערנאַציאָנאַלע ביוראָ פון לערער און שול-טוער איז אָרגאַניזירט געוואָרן נאָך פריער לויט דער איניציאַטיווע פון יידישן לערער-פאַרבאַנד. און נאָר אַדאַנק דעם, וואָס אַלע נאַציאָנאַליטעטן האָבן זיך פאַראייניקט אין קאַמף, איז מעגלעך געוועזן דער ניצחון איבער די זיגער די דייטשן.

דער פּרוב צוצוצי'ען די געזעלשאַפטן צום קאַמף גיט זיך ווייניק וואָס איין. דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז שרעקלעך דערשטיקט. אייניקע טוער נעמען אָנטייל אין די דעלעגאַציעס, וואָס פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די דייטשן, אָבער גיכער אַלס פּערזאָנען. — און דאָ מוז מען דערמאָנען צום גוטן דעם ד"ר שאַבאַד, וועלכער האָט אַ סך צייט און מי אָפּגעגעבן דער אַרבעט פאַר דער נייער יידישער שול, דער פאַרבאַנד האָט אָנערקענענדיק דאָס, אים אויסגעקליבן פאַר אַן ערנמיטגליד. —- די שולן זיינען ווידער אָכן, אָבער אין דער רשימה האָט מען געמוזט אָנווייזן, אַז דייטש הייבט זיך אָן פון 1-טן לערניאָר אָן. די לערער באַשליסן אָבער (און דאָ שפּילט ווידער די הויפּט-ראָלע דער פאַרבאַנד), אַז אין די ערשטע קלאַסן לערנט מען ג י ט קיין דייטש. דער שטונדנפּלאַן איז אַ פיקטיווער.

די אַרבעט אין די שולן ווערט וואָס ווייטער אַלץ אינטענסיווער. די שול וואַקסט פון טאָג. אַלץ שטאַרקער הייבט זיך אָן צו פילן דער מאַנגל אין לערנביכער, אין אַ קינדער-ליטעראַטור. ניט איין מאָל שטעלט זיך די פראַגע וועגן שאַפן אַ געזעלשאַפטלעכן פאַרלאַג. דער פאַרבאַנד פאַרבינדט זיך מיט עטלעכע כלל-טוער, וועלכע באַקומען אַ ביסל געזעלשאַפטלעך געלט און ווילן זיך נעמען צו דער זאַך. ס'ווערן אויסגעטיילט פון פאַראיין פאַרשיידענע קאָמיסיעס, מ'הייבט אָן צו אַרבעטן, די אַרבעט נעמט אָפּ אַ סך צייט אין זיצונגען. ס'ווערט אָבער, ניט צוליב דער שולד פון פאַראיין, ווייניק-וואָס אויפגעטאָן.

באַזאָרגן די שולן מיט לערנביכער, מיט אַ קינדערליטעראַטור און מיט אַלע איבעריקע נייטיקע זאַכן — דאָס האָט אייגנטלעך געדאַרפט זיין די אַרבעט ניט נאָר פון לערער-פאַרבאַנד, נאָר דערהויכט פון אַ בילדונגס-געזעלשאַפט. דער קאָמיטעט פון דער דאַמאָלסטיקער בילדונגס-געזעלשאַפט „מפיצי-השכלה" מיט זיין ציוניסטישער מערהייט, האָט ניט געפונען פאַר נייטיק אַ פינגער אָן אַ פינגער אַ קלאַפּ צו טאָן אפילו פאַר די יידישע וועלטלעכע שולן, וועלכע האָבן געטראָגן איר נאָמען. דער פאַרבאַנד האָט געשפּילט די וויכטיקסטע ראָלע אין קאַמף מיטן קאָמיטעט. אַדאַנק דער ווירקונג פון פאַרבאַנד האָט זיך געבילדעט די אַזויגערופענע אָפּאָזיציע אין „מפיצי השכלה", וועלכע האָט געווירקט, אַז דער נייער קאָמיטעט זאָל שוין זיין מער צוגעפּאַסט צו דער שול-בויאונג. צוזאַמען מיט „מפיצי השכלה" איז דאַן באַשאַפן געוואָרן אַ ביוראָ פאַר דער פראָווינץ, אַ שטענדיקע אויסשטעלונג פון לערנביכער. צוזאַמען זיינען געמאַכט געוואָרן די הכנות אויף צו אָרגאַניזירן נייע לערער-קורסן. אויף דער פייערלעכער עפענונג ווערן די קורסן באַגריסט פון לערער-פאַרבאַנד.

די מאַטעריעלע לאַגע פון לערער ווערט דערווייל וואָס ווייטער אַלץ ערגער, און גראָד דאַן, ווען די אַלגעמיינע לאַגע הייבט זיך אָן צו בעסערן. דעם פאַרבאַנד גיט זי'ך איין צו העכערן דאָס געהאַלט אויף 40 רובל פאַר אַ שעה (נאָר שפּעטער אויף הונדערט רובל), אַחוצדעם ווערן באַשטימט הוספה-גראַדאַציעס. די לערער, וואָס אַרבעטן שוין 5 יאָר, באַקומען אַ הוספה פון $7^1/_2$ פּראָצ; 10 יאָר — 15 פּראָצ. 15 יאָר — $22^1/_2$ פּראָצ; 20 יאָר — 30 פּראָצ.





דער אויסבראָך פון דער רוסישער רעוואָלוציע טראָגט אַריין ווייניק נייס אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די אָקופּירטע קאַנטן. אַלץ איז טויט, אַלץ איז געדריקט און דערשטיקט מיטן שווערן שטיוול פון אָקופּאַנט. דאָך האָט זיך שוין אַ ביסל פרייער געאָטעמט, אפשר מער ניט צוליב דער האָפענונג אַליין, און אָפּגעאָטעמט פרייער האָט אויך דער יידישער לערער. נייע האָריזאָנטן האָבן זיך געעפנט און נייע פּערספּעקטיוון פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער יידישער שול.

אַ סך ווילנער לערער הייבן זיך אָן צו רייסן אין דעם רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד. עס רוקט זיך אונטער דער שלום (ניט אַזוי גיך, פאַרשטייט זיך, ווערט דאָס ווי עס שרייבט זיך). עס גייט אַריבער אַ געוויסע צייט — און ס'איז ניטאָ איין לערער, וואָס זאָל ניט בויען קיין פּלענער אַריבערצופּעקלען זיך אַהין, אין דעם לאַנד, וואו די פרייהייט בליט זיך פונאַנדער. ביי אַ סך איז די „עמיגראַציע" קיין רוסלאַנד געוועזן מער ניט ווי אַ פּסיכאָז. אַ גרופּע לערער איז דאָך אָבער אַוועקגעפאָרן. דער אָפּפאָר האָט אַרויסגערופן ביי אַ טייל פון דער פאַרוואַלטונג אַ אומצופרידנקייט. דער לאָזונג פון דעם טייל איז געוועזן — ניט אַרויסגעלאָזן קיין לערער.

די מערהייט האָט אָבער צו שטאַרק געפילט די שטרעבונגען פון די דאָזיקע לערער און האָט פאַרקערט באַגריסט דעם מוטיקן אַקט פון די חברים און אפילו זיי מקנא געווען. דאַן פועלט די פאַרוואַלטונג פון פאַרבאַנד ביים צ. ק. מ'זאָל די דאָזיקע לערער אויסצאָלן די חובות. באַזונדערס שווער האָט זיך אָפּגערופן (אויף דער שול וואו זי האָט געאַרבעט) דער אַוועקפאָר פון העלענע כאַצקעלס, וועלכע האָט זייער אַ סך געאַרבעט אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע. די צייט גייט. די געשעענישן יאָגן זיך. די דייטשן, די באַלעבאַטים, לאָזן ניט אָפּ די לייצעס, אָבער עס פילט זיך, אַז עס מוז פּלאַצן די צו פיל אָנגעצויגענע סטרונע. און אָט ברעכט אויס די דייטשע רעוואָלוציע.

און אין דעם דאָזיקן אָוונט, ווען די גאַנצע וועלט טוט אַ ציטער פון דער פריילעכער בשורה, קומט פאַר די יערלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון לערער-פאַרבאַנד אויף וועלכער עס ווערט אויסגעוויילט אַ נייע פאַרוואַלטונג און אויך אַ פאָרשטייער אין אָרגאַנ'זיר-קאָמיטעט פון דער דעמאָקראַטישער יידישער קהילה.

אין דעם דאָזיקן איבערגאַנגס-מאָמענט איז דעם יידישן לערער אויסגעקומען זייער שווער. אויף זיינע אייגענע פּלייצעס האָט ער געדאַרפט טראָגן די שול — סיי גייסטיק, סיי מאַטעריעל. די געזעלשאַפט איז געווען ווייט פון שולן. דער לערער איז געבליבן אויף גאָטס באַראָט. אַליין געדאַרפט לערנען, אַליין געמוזט אָרגאַניזירן קאָנצערטן, מאַסקאַראַדן, פאַרוויילונגען. דער פאַראיין האָט דאַן ניט געקאָנט אַרויסשטעלן קיין געהעכערטע סקאַלע, ווייל ס'איז ניט געווען ביי וועמען צו מאָנען. דער צ. ק. איז זיך צעפאַלן. די איינציקע האָפענונג האָט דער לערער און אויך דער פאַרבאַנד געלייגט אויף דער דעמאָקראַטיש אויסגעוויילטער קהילה. די יידישע לערערשאַפט נעמט דאַן דעם טעטיקסטן אָנטייל אין דעם קאַמף פאַר דער דעמאָקראַטישער קהילה.

דער פאַרבאַנד אָרגאַניזירט דאַן אַ גראַנדיאָזן מיטינג פאַר די עלטערן פון די אַלע קינדער, וואָס באַזוכן די יידישע שולן. פריער פלעגט זיך דער לערער פון דער נייער שול פון צייט צו צייט באַגעגענען מיט די עלטערן פון די קינדער אויף די פאַרמאַכטע עלטערן-פאַרזאַמלונגען, אָבער איצטער איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען די לערערשאַפט האָט עפנטלעך און אין אַ ברייטן מאַסשטאַב געקאָנט אַנטוויקלען פאַר די עלטערן די אידעע פון דער נייער וועלטלעכער יידישער שול. דער פאַרבאַנד ווענדט זיך דאַן אויך צו די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, זיי זאָלן אַראַנזשירן פאָרטראָגן וועגן דער וועלטלעכער יידישער שול.

אין יענער צייט פירט אָן דער פאַרבאַנד מיטן גאַנצן יידישן שול-וועזן אין ווילנע. דער פאַרבאַנד נעמט אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער אָרגאַניזאַציע פון פּעדאַגאָגישן מוזיי. ער פאַרגעסט אויך ניט די פּראָווינץ. אין דער צייט, ווען די דייטשן האָבן זיך אָנגעהויבן צו קלייבן אין וועג אַריין, זיינען ווי קאָרנשטיבלעך צעפאַלן געוואָרן די שולן, וואָס זיי האָבן אויסגעבויט מיט געוואַלד אויף דער פּראָווינץ. דער פאַרבאַנד לאָזט דאַן אַרויס אַן אויפרוף צו די פּראָווינציעלע טוער און לערער, זיי זאָלן שטיין אויף דער וואַך און ניט לאָזן פאַלן די שולן.

אין יענער צייט גרינדעט זיך אין ווילנע די קולטור-ליגע ביי דעם נאָענטן אָנטייל פון די נאָר וואָס געקומענע ש. ניגער און ש. אַנסקי. דער לערער-פאַרבאַנד נעמט דעם אַקטיווסטן אָנטייל אין דער אויפבויאונג פון דער קולטור-ליגע, ווי אויך פון צענטראַלן בילדונגס קאָמיטעט, וואָס גרופּירן אַרום זיך די אַלע וועלטלעכע יידישע שולן.

אין פאַראיין גופא שטעלן זיך דאַן אויפן סדר-היום געזעלשאַפטלעכע פראַגן — וועגן פּאָליטישן מאָמענט, וועגן די וואַלן צום ערשטן אַרבעטער-ראַט. די געזעלשאַפט אַרום האָט אָפּגעלעבט. עס הייבט זיך אָן אַ באַוועגונג. דער לערער קען ניט אָפּשטיין. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צו פיל האָט זיך שוין דער לערער פאַר דער צייט פון דער אָקופּאַציע פאַרשלאָסן אין די ד' אמות פון דער שול. ס'ווערט קלאָר, אַז כדי אויפצובויען די נייע שול איז נאָך ווייניק צו אַרבעטן אינעווייניק, מ'מוז אויך פירן אַ קאַמף אין דרויסן, דורכפירן אַ ברייטע אויפקלערונגס-אַרבעט, דער לערער מוז זיין אויך אַ געזעלשאַפטלעכער טוער.

דערווײַלע קומט אָן אין ווילנע די ראַטנמאַכט און באַלד אָרגאַניזירט דער לערער-פאַרבאַנד אַ באַראַטונג מיט די פאָרשטייער פון מאָסקווער יידישן קאָמיסאַריאַט, וועלכע קומען אַראָפּ אַהער פאַרוואַלטן מיט די בילדונגס-ענינים. די פאַרוואַלטונג אינפאָרמירט זיי וועגן דער אַרבעט פאַר דער צייט פון דער אָקופּאַציע. אָבער די פאַרוואַלטונג איז ניט געווען צוגעגרייט צו דער אַרבעט, וואָס האָט אויף איר געוואַרט, און דעריבער אפשר האָט זי ניט געקענט אַריבערנעמען אין אירע הענט דעם גאַנצן ענין פון די שולן.

די אַרבעט פון בילדונגס-קאָמיסאַריאַט דאַרף צעטיילט ווערן אויף צוויי מאָמענטן — 1) בשעת די גאַנצע אָנפירער אין בילדונגס-קאָמיסאַריאַט זיינען געווען די ה״גע אינטערנאַציאָנאַליסטן, מענטשן וואָס זיינען געווען ווייט פון די שולן, לחלוטין ניט באַקאַנט מיט דער אַרבעט פון יעדער היגער נאַציאָנאַליטעט אויפן שול-געביט און דערצו רוסיפיקאַטאָריש געשטימט. זיי האָבן געהאַט איין מיטל אויף צו היילן די וואונדן; דער מיטל איז געווען — רוסיש. די דאָזיקע בילדונגס-טוער זיינען אפילו ניט געווען אימשטאַנד צו שאַפן דעם נייטיקן אַפּאַראַט, האָבן געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף די לערער, איגנאָרירט די פאַראיינען, געבויט אַ פאַראיין פון אייגענע מענטשן. דער צווייטער פּעריאָד — דאָס איז שוין דער בעסערער. דער קאָמיסאַריאַט איז שוין אָרגאַניזירט (הגם ס'האָט אים געמעגט צוקומען, וואָס ס'האָט אים נאָך געפעלט), ס'קומען אַראָפּ נייע מענטשן, דער אַפּאַראַט הייבט אָן צו אַרבעטן. דער קאָמיסאַריאַט באַקאַנט זיך מיט די שולן. ס'ווייזט זיך אַרויס, אַז ניט קיין פּוסטן אָרט האָבן זיי דאָ געפונען. דער פאַרבאַנד דערשלאָגט זיך, מ'זאָל באַצאָלן די לערער די חובות, מע פועלט אויס אַ באַפרידיקנדיקע סקאַלע. ס'עפענען זיך לערער-קורסן. ס'גרינדעט זיך אַ פאַרלאַג פון יידישע ביכער. דער קאָמיסאַריאַט פאָדערט אויף, דער פאַרבאַנד זאָל געבן מענטשן.

ס'ווערן דעלעגירט עטלעכע ח״ח קיין מאָסקווע אויף צו באַקאַנען זיך מיטן צושטאַנד פון דער אַרבעטס-שול, מיט די נייע מעטאָדן. ס'ווערן אויסגעטיילט פון די ווילנער ח״ח אינסטרוקטאָרן קיין מאָהילעוו, מינסק און אַנד. שטעט. אכת, די דאַמאָלסטיקע פאַרוואַלטונג האָט זיך לאַנג געוואַקלט, איידער זי האָט באַשלאָסן אָנטייל צו נעמען אין דער פאַרלעגערישער אַרבעט פון קאָמיסאַריאַט.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז אין דעם פּרט איז דאָרט אויף אָן אָרט געווען מעגלעך גאַנץ פּראָדוקטיוו צו אַרבעטן. די קאָלעגיע פאַר קינדערליטעראַטור און לערנביכער האָט זייער אַ סך אויפגעטאָן.

דער קאָמיסאַריאַט האָט זיך אויך גענומען פאַר דער אַרבעט אויף דער פּראָווינץ, אָבער די לערער, וואָס זיינען געשטעלט געוואָרן פון די דייטשן, זיינען זיך צעלאָפן, דער יידישער לערער-פאַרבאַנד פאַרשטאַרקט דאַן דאָס ביוראָ. ער רעקאָמענדירט די פּאַסיקע לערער און אויך אינסטרוקטאָרן.

דער פאַרבאַנד האָט דאַן גענומען אויף זיך די איניציאַטיווע צו אָרגאַניזירן דעם אינטערנאַציאָנאַלן לערער-פאַראיין פון די פיר נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע באַוואוינען דעם קאַנט. די אַרבעט איז אַ סך געשטערט געוואָרן סיי מצד דעם בילדונגס-קאָמיסאַריאַט גופא, סיי מצד דער אַזוי גערופענער „פינפטער" נאַציאָנאַליטעט (יידן-לערער, אָבער ניט קיין יידישע לערער, אינטערנאַציאָנאַליסטן בלע״ז). נאָר ניט געקוקט אויף די מניעות, האָט זיך ענדלעך פּאָרט איינגעגעבן דעם אינטערנאַציאָנאַלן פאַראיין צו בילדן. דער דאָזיקער פאַראיין האָט פּאַרטייִדיקט די מיינונג, אַז ס'מוזן געשאַפן ווערן נאַציאָנאַלע סעקציעס אויף אָנצופירן מיט די בילדונגס-ענינים פון יעדער נאַציאָנאַליטעט, הגם מ'האָט דאָס ניט אויסגעפירט, דערפאַר איז באַשאַפן געוואָרן ביים שטאָטישן קאָמיסאַריאַט אַ לערער-קאָלעגיע, וועלכע איז דאָך צונויפגעשטעלט געוואָרן אויף אינטערנאַציאָנאַלע יסודות (ווען מען זאָל אויסשליסן די אַזויגערופענע „אַלגעמיינע פינפטע סעקציע"). דעם אינטערנאַציאָנאַלן פאַראיין גיט זיך איין אַריינצונעמען אין זיינע הענט דעם פּראָדוקציאָנס-פאַראיין. די „פינפטע נאַציאָנאַליטעט", וועלכע האָט געוועזט געפּרובט אַליין צו בילדן דעם פּראָדוקציאָנס-פאַראיין, ווערט אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט. דעם פּראָדוקציאָנס-פאַראיין גיט זיך איין צו העכערן די סקאַלע ביז 450 ר., דורכצופירן אַ ריי וויכטיקע זאַכן.

דער דאָזיקער פּעריאָד פאַרענדיקט זיך מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ פון די לערער דעם 18 אַפּריל. די קאָנפערענץ האָט געזאָלט שפּילן זייער אַ וויכטיקע ראָלע ביים אָרגאַניזירן די בילדונג אין היגן קאַנט, דערנענטערן די לערער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן א. ד. ג. די באַריכטן פון דער יידישער סעקציע האָבן געליפערט די ח״ח ש. באַסטאָמסקי און ג. פלודערמאַכער. ס'איז אָבער ניט באַשערט געווען, אַז די אַלע האָפענונגען, וואָס זיינען געלייגט געוואָרן אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ, זאָלן מקוים ווערן. דעם 19 אַפּריל הייבט זיך אָן אַ נייער פּעריאָד אין לעבן בכלל און אין היגן לעבן בפרט. עס קומט דער קאָשמאַר פון די בלוטיקע אַפּריל-טעג. ווי לעבעדיקע שטייען נאָך פאַר אונזערע אויגן די געפאַלענע חברים-לערער לייזער הורוויטש, שמשון זיסקאָוויטש-פּאָטאַשניק און קאַפּלאַן... דאָך האָט זיך דער פאַרבאַנד ניט פאַרלוירן אפילו אין די דאָזיקע בלוטיקע טעג און איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָבן באַנייט זייער אַקטיווע אַרבעט אויף דער יידישער גאַס. דער פאַרבאַנד האָט אַ סך געטאָן, כדי צו באַפרייען די אַרעסטירטע חברים.

די אַרבעט פון פאַראיין אין דעם דאָזיקן פּעריאָד האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פאַרבעסערונג פון דער מאַטעריעלער לאַגע פון לערער. ער האָט דורכגעפירט די סקאַלע פון 170 רובל (צאַרישע) פאַר אַ שעה, אויסערדעם—פינריקע הוספות. דער פאַרבאַנד האָט ניט דערלאָזן צו פאַרטיילן די לערער אין קאַטעגאָריעס, אויף העכערע און נידעריקע, ווי דאָס האָט געוואָלט דער פאַרוואַלטער פון דער בילדונגס-אָפּטיילונג פון דער קהילה, און פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון דעם לערער און פון דער וועלטלעכער יידישער שול.

דער פאַרבאַנד האָט אויך מיטגעווירקט, אַז אויפן צוזאַמענפאָר פון „יעקאָפּאָ" זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן די שול-פראַגע און אַז אויף שולן זאָל אַסיגנירט ווערן אַ געוויסע סומע געלט. ער האָט אויך אָנטייל גענומען אין דער וואַרשעווער קולטור-באַראַטונג פון 15, 16 און 17 אָקטאָבער, וואָס האָט פאַרבונדן די לערער פון פּוילן, ליטע און ווייסרוסלאַנד און געלייגט אַ גרונט פאַר דער צענטראַלער יידישער שול-אָרגאַניזאַציע.

דער פאַרבאַנד האָט אויך דורכגעפירט די באַשטייערונג לטובת דעם אָרגאַניזאַציאָנס-ביוראָ פון דער וואַרשעווער באַראַטונג (אַ טאָג שכירות). די לערער האָבן געשאַפן דעם ערשטן פאָנד אויף אַרויסצוגעבן די זשורנאַלן „גרינינקע ביימעלעך" און „די נייע שול".

אַ גרויסן אָנטייל האָט אויך דער פאַרבאַנד גענומען אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער ערשטער שול-וואָך אין ווילנע. דער פאַרבאַנד האָט אויף דער אויסשטעלונג פון די קינדער-אַרבעטן אָרגאַניזירט אַן אויסשטעלונג פון לערנביכער, קינדערליטעראַטור און מעטאָדיקעס, ווי אויך האַנט-ביכער פאַר לערער אויף פאַרשיידענע לימודים. די דאָזיקע אויסשטעלונג (געגרינדעט אויף די מיטלען פון „יעקאָפּאָ") איז געבליבן אַלס שטענדיקע. ס'איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ לייענזאַל מיט אַ פּעדאַגאָגישער ביבליאָטעק, לויט דער איניציאַטיווע פון ש. באַסטאָמסקי.

———

אין משך פון יאָר 1920 איז דעם ווילנער יידישן לערער-פאַרבאַנד אויסגעקומען צו פירן זייער אַ גרויסע און פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט. די ווילנער לערער האָבן פאַר דעמדאָזיקן יאָר געהאַט אויסצושטיין זייער אַ סך און דאָס יאָר וועט געוויס אויף לאַנג פאַרבלייבן איינגעקריצט ביי זיי אין זכרון.

די מאַטעריעלע לאַגע פון די לערער האָט דאַן אָנגעהויבן צו ווערן וואָס ווייטער אַלץ ערגער. דאָס געהאַלט פון די לערער איז געווען איינגעשטעלט מיט עטלעכע חדשים צוריק. דער יקרות אָבער איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג.

דער בעל-הבית איבער די שולן איז געווען די קהילה און דער פאַראיין האָט זיך געווענדט צו דער קהילה-פאַרוואַלטונג נאָך אַ הוספה. און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנג-דויערנדיקער האַרטנעקיקער קאַמף, וואָס האָט זיך געמוזט פאַרענדיקן מיט די שטרייקן.

די לערער נעמען אָן אַלע מיטלען, כדי ניט צו ברענגען צו קיין קאָנפליקט, אָבער די פירער פון דער קהילה בלייבן טויב און שטום צו די פאָדערונגען. עס פּלאַצט די געדולד און אַלע ווילנער לערער, ווי די יידישע אַזוי די העברעאישע, באַשליסן איינשטימיק איבערצורייסן די לימודים.

דעם 20 יאַנואַר הייבט זיך אָן דער ערשטער שטרייק אין די ווילנער שולן.

גלייך ווי דער שטרייק איז אויסגעבראָכן, האָבן זיך די לערער געווענדעט מיט אַן אָפענעם בריוו צו דער יידישער געזעלשאַפט. אין דעמדאָזיקן בריוו האָבן זיי אָנגעוויזן, אין וואָס פאַר אַ באַדינגונגען די לערער איז אויסגעקומען צו אַרבעטן אין משך פון דער גאַנצער צייט פון די אָקופּאַציעס, אויף דער קאַלטער באַציאונג מצד דער געזעלשאַפט.

העלפנדיק שאַפן די קהילה, זאָגט זיך אין דעם בריוו, האָבן די לערער געהאָפט, אַז די דעמאָקראַטיש געוויילטע פאָרשטייערשאַפט וועט פאַרשטיין די וויכטיקע באַדייטונג פון דער נאַציאָנאַלער שול און וועט איר אָפּגעבן דעם מאַקסימום אויפמערקזאַמקייט. וואָס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן? די פאַרוואַלטונג פון דער קהילה האָט זיך באַצויגן צו די לערער ניט ווי געהעריק. דאָס געלט באַקומען זיי שפּעטער ווי אַלע, אין אַן ערגערער וואַליוטע, דער חוב וואַקסט. אַלע אָנגעשטעלטע האָט מען געהעכערט פון 1 דעצעמבער. די לערער—ניט. רעכענענדיק זיך מיט דער מאַטעריעלער לאַגע פון דער קהילה, שטעלן די לערער אַרויס אַ סקאַלע פון 225 רובל אַ שעה.

דער שטרייק האָט געדויערט אַ וואָך צייט. ער איז געווען גוט אָרגאַניזירט, די געזעלשאַפטלעכע מיינונג איז געווען אינגאַנצן אויפן צד פון די לערער און די קהילה האָט געמוזט נאָכגעבן. מ'האָט גענומען ביסלעכווייז דעקן דעם חוב, מ'האָט די לערער אויך געגעבן אַ הוספה פאַר דעצעמבער.

דריי וואָכן זיינען אַריבער רואיק. נאָכהער האָט זיך אָבער ווידער אָנגעהויבן אַ געשיכטע: די קהילה האָט באַשלאָסן צוריק אַראָפּצונעמען ביי אירע אָנגעשטעלטע די הוספה, וואָס מ'האָט זיי אָקאָרשט באַשטימט פון 1 דעצ. און רעכענען פון 1 יאַנ. דאָס קלענערע נאָוועמברישע געהאַלט. דער יקרות פאַר די פאַר חדשים איז אָבער געשטיגן נאָך מער און די קהילה-אָנגעשטעלטע האָבן די זאַך ניט געקאָנט פאַרשווייגן. נאָך לאַנגע אומזיסטע אונטערהאַנדלונגען איז אויסגעבראָכן אַ שטרייק פון די קהילה-אָנגעשטעלטע. דער באַשלוס פון פאַרוואַלטונג אַראָפּצונעמען די דעצעמבער-הוספה האָט צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע

קהילה־אָנגעשטעלטע אויך אָנגערירט די לערער. זיי האָבן אויך פאַרלאָרן די הוספה. די לערער האָבן געפּרובט דערוויַיזן דער קהילה־פאַרוואַלטונג די אומיושרדיקייט פון אַראָפּרייסן איצט די הוספה. מ'האָט זיי געוואָרנט, אַז דאָס קען אויך אַרויסרופן אַ צווייטן שטרייק פון די לערער. די פאַרוואַלטונג האָט אָבער פון קיין זאַך ניט געוואָלט הערן און געדענקען, און דער צווייטער שטרייק פון די לערער איז אויסגעבראָכן (דעם 13 פעברואַר). די פאָרשטייער פון די לערער זיינען אַריין אין דעם אַלגעמיינעם שטרייק־קאָמיטעט און געמיינזאַם מיט די איבעריקע קהילה־אָנגעשטעלטע געפירט די אַקציע.

די גאַנצע געזעלשאַפט איז געווען אויפן צד פון די אָנגעשטעלטע. אַלע האָבן געזען, אַז זייערע פאָדערונגען זיינען גערעכטע און ניט איין געזעלשאַפט (ווי „יעקאָפּאָ", „אָזע" א. אַ.) האָבן געפּרובט אַריינמישן זיך אין דעם ענין.

נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען האָט דער פלענום אָנגענומען, אַז דער ענין ווערט איבערגעגעבן אַ סופער־אַרביטער, און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, ווער עס איז גערעכט.

דער סופּעראַרביטער, אַ מענטש, אינגאַנצן אַ נייטראַלער, האָט אויך גע־פסקנט, אַז גערעכט זיינען געווען די אָנגעשטעלטע.

די פאַרוואַלטונג אָבער האָט אינמיטן די אונטערהאַנדלונגען אַרויסגערוקט אַ נייע פראַגע וועגן רעאָרגאַניזאַציע פון דער קהילה און מיט דעם נאָך מער פאַרשלעפּט די אונטערהאַנדלונגען.

די שטרייקן האָבן פאַרשאַפט די לערער זייער אַ סך עגמת־נפש, אין שטרייק זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אויך די פּריוואַטע שולן, די אַרבעט איז געווען אַ קאָלאָסאַלע, דער ציל איז אָבער דערגרייכט געוואָרן. די קהילה האָט נאָכגעגעבן; זי האָט אָנגעהויבן אויסצאָלן ביסלעכווייז דעם חוב, זי האָט אויך געהעכערט די סקאַלע.

נאָכן שטרייק זיינען די לינקע פראַקציעס אַרויסגעטראָטן פון דער קהילה, ווייל די אולטימאַטיווע פאָדערונגען זייערע וועגן דעם, אַז די לייט, וואָס זיינען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם שטרייק, זאָלן אַוועקגיין פון דער פאַרוואַלטונג, אַז די פאַרוואַלטונג זאָל איבערגעבויט ווערן אויף נייע יסודות, איז ניט אָנגענומען געוואָרן.

נאָכן אַרויסטרעטן פון די לינקע פראַקציעס האָט אַ טייל פון דער לערערשאַפט געפּלאַנט צו שאַפן אַ פאַרטיילונגס־קאָמיטעט. עס האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבן און די זאַך איז ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

אַ צווייטע אויפגאַבע פון לערער־פאַרבאַנד איז באַשטאַנען, אין פאַרהיטן די וועלטלעכע יידישע שול פון די אָנפאַלן מצד דער רעכטער מערהייט. די פאַרוואַלטונג פון פאַרבאַנד איז אָבער שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך (צוזאַמען מיטן צ. ב. ק.) און פאַרהיט די שולן כּמעט פון אַלע אַטענטאַטן. אַ געוויסע צייט האָבן די חברים פון פאַרבאַנד געאַרבעט אין דעם שול־ראַט, וואָס איז לויט דער פאָדערונג פון די יידישע לערער געווען צונויפגעשטעלט אויף פּאַריטעטע יסודות פון ביידע ריכטונגען, דער יידישיסטישער און העבראַיסטישער. דער פאַרוואַלטער פון דער בילדונגס־אָפּטיילונג האָט זיך אָבער ניט געוואָלט רעכענען מיט די באַשלוסן פון דעם שול־ראַט. נאָכן שטרייק האָבן זיך די באַציאונגען פאַרשאַרפט און דער פאַרבאַנד האָט אָפּגערופן זיינע פאָרשטייער.

אינמיטן די וואַקאַציעס האָט זיך געביטן די מאַכט און ס'ווערט געשאַפן אַ נייע לאַגע.

כּדי אויסצומיידן די פריערדיקע פעלערן פון דער ראַטנמאַכט האָט דער פאַרבאַנד געזוכט דורכצופירן, אַז אָנפירן מיט די יידישע בילדונגס־אַנשטאַלטן זאָלן מענטשן, וואָס זאָלן זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פאַרבאַנד און פאַרן צ. ב. ק. די זאַך איז געלונגען און ס'האָבן זיך געעפנט ברייטע פּערספּעקטיוון פאַר דער יידישער שול.

די מאַכט האָט אָבער לאַנג ניט געהאַלטן און די לערער האָבן אפילו ניט באַוויזן אָפּצונעמען ביי איר זייער געהאַלט.

עס קומען אַריין די ליטווינער, און עס שטעלט זיך ווידער די פראַגע וועגן אַן אָנפירער פון די יידישע שולן און וועגן געהאַלט. די מאַכט באַשטימט דעם ח' פלודערמאַכער פאַרן פאַרוואַלטער פון די יידישע שולן. דער צ. ב. ק. און דער פאַרבאַנד גיבן דעם ח' פלודערמאַכער זייער הסכּמה צו פאַרנעמען דעם פּאָסטן.

ווי נאָר די נייע מאַכט שטעלט זיך איין, ווענדט זיך דער פאַרבאַנד צו איר נאָך געהאַלט. די ווענדונג האָט אַן ערפאָלג. דאָס געהאַלט ווערט אויסגעשריבן (ניט לויט דער אָרטיקער סקאַלע, נאָר לויט דער סקאַלע, וואָס איז אָנגענומען אין קאָוונער ליטע).

די מאַכט האַלט זיך אָבער ניט איין און די לערער געלינגט ניט צו באַקומען דאָס אויסגעשריבענע געהאַלט (באַקומען דאָס געהאַלט האָט זיך איינגעגעבן נאָר „די איינציקע, וואָס זיינען אַנטלאָפן קיין קאָוונע).

עס קומט אָן אַ נייע מאַכט און דער פאַרבאַנד (צוזאַמען מיטן העבראַישן ווי אויך צ. ב. ק. און וועד־המאוחד) ווענדן זיך צו איר נאָך געהאַלט. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען געלינגט די לערער צו באַקומען פון דעם בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט פון מיטל־ליטע געהאַלט פאַרן חודש נאָוועמבער און אויך אַ צוזאָג אויף ווייטער.





די רעגירונג האָט אָבער אַלץ ניט געדעקט דעם גאַנצן חוב פון די לערער.

די צייט איז געגאַנגען און דער חוב פון די לערער איז אַלץ געוואַקסן. די קהילה איז געווען דער איינציקער אַדרעסאַט, צו וועמען ס'פלעגן אָנקומען אַלע געלטער פון אַמעריקע און פון אַנדערע לענדער. די לערער האָבן דעריבער געהאַלטן, אַז דעם חוב מוז דעקן די קהילה. די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט אָבער פּלוצלונג געמאָלדן, אַז זי נעמט אַראָפּ פון זיך די אחריות פאַר די שולן. די דאָזיקע מעלדונג האָט געמאַכט אויף די לערער און אויף די שול־טוער אַ גוואַלדיקן רושם. די קולטור־אַרבעט האָט דאָך געדאַרפט זיין די הויפּט־אַרבעט פון דער קהילה און מיטאַמאָל אַזאַ באַציאונג אין דער וויכטיקסטער פראַגע!

אַלע באַווייזן פון די לערער און שול־טוער, אַז די קהילה האָט געמאַכט אַ געפערלעכן פאַלשן טריט, האָבן ניט געהאָלפן. די שולן זיינען אין מאַטעריעלער הינזיכט געבליבן הענגען אין דער לופטן. די פּעדאַגאָגישע אָנפירונג האָט זיך געפונען אין די הענט פון די בילדונגס־צענטראַלעס. דערווייל איז דער יקרות געוואָרן אומגעהייער און די לערער האָבן געדאַרפט דורכפירן אַ הוספה. מיט זייערע פאָדערונגען האָבן זיך די לערער געווענדט צו דער קהילה, ווייל אין יענער צייט האָט זי נאָך געהאַט אָנגעפירט מיט דער פינאַנציעלער זייט פון די שולן.

ווען די פאָרשטייער פון די לערער האָבן דערלאַנגט דער קהילה־פאַרוואַלטונג די פאָדערונג, האָט זי געענטפערט, אַז צו איר האָט דאָס ניט, די לערער מעגן זיך העכערן אויף וויפיל זיי ווילן.

פאַר די לערער איז געבליבן דאַן נאָר איין אויסוועג — אַ שטרייק.

ניט־געקוקט אויף דער קריטישער לאַגע האָבן די לערער ניט מיט אַזאַ לייכטן געמיט אָנגענומען דעם שטרייק. צו טייער זיינען געווען פאַר זיי די שולן, וואָס זיי האָבן אַליין און כּמעט איינזאַם געבויט מיט אַזאַ מסירת־נפש. חוץ דעם האָבן די לערער גוט געוואוסט פון דער פאַראַיאָריקער דערפאַרונג די ווירקונג פון דעם שטרייק אין די שולן. דער שטרייק איז אָבער געווען אַ נויטווענדיקייט. די לאַגע האָט געמוזט קלאָר ווערן. דעם 16־טן יאַנואַר 1921, 10 אינדערפרי, נאָך 1 שעה נאָרמאַלע לימודים, זיינען די לערער פון אַלע ווילנער יידישע געזעלשאַפטלעכע שולן אַראָפּ פון דער אַרבעט.

אין יענער צייט האָט זיך באַקומען אַ ידיעה, אַז די אַמעריקאַנער הילף אויף קולטורעלע צוועקן וועלן פון 15־טן יאַנואַר 1921 באַקומען די צענטראַלעס און ניט די קהילה, ביי דער געשאַפענער לאַגע האָט די איצטיקע קהילה ניט געקאָנט טראָגן קיין פולע אחריות פאַר די שולן פון 15 יאַנואַר אָן.

די לערער האָבן דעריבער דאַן אַרויסגעשטעלט צו דער קהילה פאָלגנדיקע פאָדערונגען:

1) נעמען אויף זיך צוריק די אחריות פאַר די שולן ביזן 15־טן יאַנואַר 1921;

2) אַריינגעמען אויף דעמזעלבן טערמין אין קהילה־ביודזשעט אויך די אויסהאַלטונג פון די „נייע שולן", די שולן, וואָס זיינען געעפנט געוואָרן דורך די בילדונגס־צענטראַלעס אין משך פון יאָר 1920 און האָבן ניט געקענט באַשטעטיקט ווערן דורך דער קהילה, ווייל עס זיינען פאַר דער גאַנצער צייט ניט געווען קיין פּלענאַרע זיצונגען;

3) העכערן די שכירות פאַר נאָוועמבער אויף 50% און פאַר דעצעמבער אויף 100%;

4) אַרויסגעבן תיכּף אַ באַדייטנדיקן טייל פון חוב און אָנווייזן אַ טערמין, ווען עס וועט אויסגעצאָלט ווערן דער רעשט;

5) נעמען אויף זיך די התחייבות צו דעקן אויך אויף להבא פון 15 יאַנואַר אָן מינימום 10% פון ווייטערדיקן ביודזשעט פון די שולן.

אין דער זעלבער צייט האָבן די לערער אויך אַרויסגעשטעלט פאָדערונגען צו די בילדונגס־צענטראַלעס:

1) נעמען אויף זיך די אחריות פאַר די שולן פון 15־טן יאַנואַר 1921. די צענטראַלעס האָבן דערביי אין אויסזיכט: א) אַ פאַרגרעסערטן שכר־לימוד, ב) די געלטער אויף קולטורעלע צוועקן פון די אַמעריקאַנער סומען, ג) געלטער פון דער מלוכה, ד) די 10% פון שול־ביודזשעט, וואָס די קהילה דאַרף דעקן, ה) אַנדערע מקורים.

די לערער האָבן זיך אויך געווענדט צו די עלטערן, אַז זיי זאָלן טאָן זייער חוב פאַר די שולן, אָנשטרענגענדיק דעם מאַקסימום פון זייערע מעגלעכקייטן, כּדי צו פאַרזיכערן דעם קיום פאַר די שולן.

די עלטערן־פאַרזאַמלונגען האָבן אין זייער רוב מנין ורוב בנין איינגעשטימט אויף די נייע מאָדוסן פון דעם שכר־לימוד.

אויך די בילדונגס־צענטראַלעס האָבן שוין אין עטלעכע טעג אַרום געמאָלדן, אַז זיי ווערן די פאַראַנטוואָרטלעכע יורידישע אינסטאַנצן (פּערזאָנען) פאַר די שולן, — און דער שטרייק קעגן די צענטראַלעס איז נאָכדעם געווען אָפּגערופן. דער שטרייק האָט זיך פאַרצויגן צוליב פאָלגנדיקע סיבות:

1) די צענטראַלעס „תּרבות" און „וועד המאוחד", וועלכע באַשטייען כּמעט פון די זעלבע עלעמענטן, וואָס די איצטיקע קהילה, זיינען געווען אין סתירה בנוגע דער פראַגע צו פאָדערן פון דער קהילה אַ פּראָצענטועלע התחייבות אויף להבא, און דאָס האָט פאַרשלעפּט די אונטערהאַנדלונגען צווישן די צענטראַלעס גופא; 2) די קהילה האָט זיך ניט גענוג ערנסט באַצויגן צום גאַנצן ענין שטרייק

אין 3) האָט די קהילה ניט אָנגעווענדט קיין גרויסע ענערגיע, כּדי באַצייטנס צו באַזאָרגן די מעגלעכקייט אויסצוצאָלן די לערער אַ גרעסערן טייל פון חוב. זי האָט נאָר געגעבן די לערער הבטחות. אָבער גיין צוריק אין די שולן אָן געלט, נאָר מיט הבטחות, איז פאַר די לערער געווען לחלוטין אוממעגלעך.

ערשט דעם 6-טן יאַנואַר האָט די קהילה באַקומען די מעגלעכקייט אָפּיציעל צו מעלדן, אַז זי האָט באַקומען פון ד. ד. ק. אַ ספּעציעלע סומע פון 3 מיליאָן מאַרק, מיט וועלכע זי דעקט 70% פון דעם חוב פאַר די לערער. וואָס איז שייך דעם רעשט פון חוב, האָט די קהילה אָנגענומען שריט אויסצוגעפינען נאָך ספּעציעלע קוועלן, און גלייך ווי זי וועט זיי באַקומען, וועט זי אויסצאָלן.

די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון ביידע לערער-פאַראיינען דעם 7 פעברואַר 1921 האָט גענוי באַטראַכט די ניי-געשאַפענע לאַגע און דערביי האָט די מערהייט פון דער פאַרזאַמלונג באַשלאָסן:

1) אין שווערסטן, שרעקלעכסטן מאָמענט פאַר דעם קיום פון די שולן, ווען חדשימווייז האָט די לערערשאַפט ניט באַקומען קיין געהאַלט, האָט די קהילה אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אחריות פאַר די שולן און געלאָזן זיי אויף הפקר. 2) דורך דערדאָזיקער באַציאונג זיינען די לערער געשטעלט געוואָרן אין אַזאַ מצב, וואָס כּדי צו ראַטעווען די שולן, האָבן זיי געמוזט פאַרשטרייקן. 3) רעכענענדיק זיך מיט דער אַלגעמיינער פינאַנסיעלער לאַגע, האָבן די לערער אַרויסגעשטעלט די מינימאַלסטע פאָדערונגען, ווי באַצאָלן זיי זייער חוב און פאַרזיכערן מצד דער קהילה אַ געוויסן באַשטימטן פּראָצענט פון ווייטערדיקן ביודזשעט פון די שולן. 4) איצט באַקומען די לערער אויסגעצאָלט נאָר אַ טייל פון דעם חוב און עס ווערט ניט פון דער קהילה באַשטימט קיין גענויער טערמין אויף אויסצוצאָלן דעם רעשט,—דעריבער באַשטימט די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג:

דער חוב מוז דורך דער קהילה אויסגעצאָלט ווערן אין דעם קירצסטן טערמין, פאַר וואָס די קהילה מוז זאָרגן; אויף להבא מוז פון דער קהילה גענומען ווערן די אחריות פאַר אַ באַשטימטן פּראָצענט-טייל פון די שול-ביודזשעטן; אַלע געלטער, וואָס וועלן זיך באַקומען אין קהילה אויף שולן פון די אַמעריקאַנער ווילנער לאַנדסלייט, דאַרפן איבערגעגעבן ווערן די בילדונגס-צענטראַלעס א. אַז. וו.

ניט וועלנדיק צוליב די אַלע אָנגעוויזענע, נאָך ניט באַפרידיקטע פאָדערונגען, וועלכע מוזן אין דער נאָענטסטער צייט באַפרידיקט ווערן, פאַרלענגערן דעם שטרייק, וואָס קען זיך שעדלעך אָפּרופן אויף די שולן—באַשליסט די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג ליקווידירן דעם שטרייק פון דינסטאָג דעם 8 פעברואַר 1921 יאָר.

הגם די שטימונג ביי די לערער נאָכן שטרייק איז געווען אַ געדריקטע דאָך אָבער איז די לאַגע קלאָר געוואָרן. די לערער האָבן דערזען, אַז אויף דער איצטיקער קהילה איז שוין מער ניטאָ וואָס צו האָפן. זי וויל פון די שול ניט וויסן!

נאָכן שטרייק הייבט זיך אָן אַ אינטענסיווע אינעווייניקסטע אַרבעט אין די שולן. די צענטראַלעס גייען ביסלעכווייז אַריין אין דער נייער ראָלע פון באַזאָרגן די שולן מיט פינאַנצן, עס ווערן אויך איינגעשטעלט די באַציאונגען פון פאַראיין צו די צענטראַלעס.

נאָכן שטרייק האָבן זיך אויף אַ געוויסער צייט איבערגעריסן די באַציאונגען פון ביידע לערער-פאַראיינען, דעם ייִדישן און העברעאישן*). די סיבה דערפון איז געווען די ניט-טאַקטישע האַלטונג פון העברעאישן פאַראיין, זיין אַרבעט קעגן די פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן פון דער לערערשאַפט. שפּעטער, ווען די אַלטע פאַרוואַלטונג פון העברעאישן פאַראיין איז אַראָפּ, האָבן זיך איינגעשטעלט פאָלגנדיקע באַציאונגען צווישן די ביידע פאַראיינען; צווישן די פאַרוואַלטונגען עקסיסטירט אַ לויזער קאָנטאַקט, די פּראָפעסיאָנעלע פראַגן ווערן באַשלאָסן געמיינזאַם.

די מאַטעריעלע אַרבעט פון פאַראיין איז באַשטאַנען ניט נאָר אין קאַמף פאַר דער העכערונג פון דער סקאַלע. די פאַרוואַלטונג פון פאַראיין האָט שטענדיק געזאָרגט, אַז אין רשות פון פאַראיין זאָל זיך געפינען אַ גרעסערער פאָנד, פון וועלכן די לערער זאָלן אין אַ שלעכטער צייט קענען באַקומען הלוואות און די נויטבאַדערפטיקע שטיצע. ס'איז אויך געשאַפן געוואָרן דער גייטיקער שטרייק-פאָנד. דער פאַראיין האָט אויך געזאָרגט, אַז אַלע זיינע מיטגלידער זאָלן זיין פאַררעגיסטרירט אין דער קראַנקן-קאַסע, וואָס האָט זיך געגרינדעט אין ווילנע אין יאָר 1921.

כּמעט פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין עקסיסטענץ איז דער ייִדישער לערער-פאַראיין געווען ענג פאַרבונדן מיט דעם צענטראַל-ביוראָ פון די פּראָפ. פאַראיינען. ער האָט אַלעמאָל געשטיצט דאָס צ. ב. מאַטעריעל, ער איז גרייט געווען צו שטיצן דאָס צ. ב. מיט גייסטיקע כּוחות, כּדי דורכצופירן צווישן די אַרבעטער אַ ברייטע קולטורעלע אַרבעט.

---

*) לכתחילה איז אין ווילנע געווען איין לערער-פאַראיין, וואָס האָט פאַרטיידיקט די פּראָפ. אינטערעסן פון אַלע לערער. אין סטאַטוט פון דעמדאָזיקן פאַראיין איז געווען, ווי ס'איז שוין אויבן אָנגעוויזן געוואָרן, אַ פּונקט וועגן ייִדיש אַלס אונטערריכט-שפּראַך אין דער ייִדישער שול. אין יאָר 1918 האָבן אייניקע מיטגלידער-העברעאיסטן אָנגעהויבן צו באַשטרייטן דעם פּונקט. אַזוי ווי זיי זיינען געווען אַ קליינע מינדערהייט, האָבן זיי אויף דער אַלגעמיינער שטעלונג



דער לערער-פאַראיין האָט אָנטייל גענומען אין דער קאָנפערענץ פון די פּראָפ. פאַראיינען אין אויגוסט 1920. די פאָרשטייער זיינע האָבן דאָרט פאַרטיידיקט דעם געדאַנק פון שאַפן נאַציאָנאַלע סעקציעס פאַר קולטורעלער אַרבעט.

די פאָרשטייער פון לערער-פאַראיין האָבן אויך אָנטייל גענומען אין זייער אַרבעט פון אַרבעטער-קאָמיטעט, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן פון דער ייִדישער סעקציע פון די פּראָפ. פאַראיינען.

די מיטגלידער פון פאַראיין האָבן אָנטייל גענומען אין דער אַלגעמיינער מאַי-דעמאָנסטראַציע, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון צ. ב. אויף דער פאָן פון די לערער זיינען געווען פאָלגנדיקע לאָזונגען: „זאָל לעבן די פּראָלעטאַרישע קולטור, זאָל לעבן די סאָציאַלע רעוואָלוציע“.

דער לערער-פאַראיין האָט צוזאַמען מיט די אַלע איבעריקע פאַראיינען אָנטייל גענומען אין דער אַקציע צו העלפן די הונגעריקע אין רוסלאַנד.

די פאַרוואַלטונג פון ייִדישן לערער-פאַרבאַנד האָט געמאַכט אויך פּרובן צו שאַפן אַ אינטערנאַציאָנאַלן לערער-פאַרבאַנד. נאָך אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז לויט איר איניציאַטיווע געשאַפן געוואָרן אַן אינטערנאַציאָנאַל אינפאָרמאַציע-ביוראָ. שפּעטער, פאַר דער ראַטנמאַכט, האָט אין משך פון עטלעכע חדשים עקסיסטירט אַ אינטערנאַציאָנאַלער לערער-פאַראיין. מיטן אַריינקומען פון די פּאָליאַקן איז ער אָבער צעפאַלן געוואָרן. פאַר דער צייט פון דער פּוילישער ממשלה איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרוב צו רעסטאַווּרירן דעם אינטערנאַציאָנאַלן פאַראיין. ס'האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבן. זומער פון יאָר 1920 נאָכן אַריינקומען פון דער ראַטנמאַכט, מאַכט די פאַרוואַלטונג פון ייִדישן פאַראיין ווידער אַ פּרוב אין דער ריכטונג, מ'קומט זיך צונויף, אָבער ניט אויף לאַנג, דאָס רוב פון די פּוילישע לערער איז אָרגאַניזירט אין אַ קלעריקאַלן פאַרבאַנד און דאָס שטערט די אַרבעט.

איינע פון די וויכטיקסטע אַרבעטן פון פאַראיין פאַרן לעצטן יאָר איז דער קאַמף פאַר דער רעכטלעכער לאַגע פון דער ייִדישער שול, די אַרבעט ווערט געפירט צוזאַמען מיטן צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט. די מיטגלידער פון פאַראיין פאַרשטיין זייער גוט, אַז ווען די מלוכה וועט ניט אויסהאַלטן די ייִדישע שולן צוגלייך מיט די פּוילישע, קען די ייִדישע שול קיין זיכערן באָדן ניט האָבן. די לערער האָבן דעריבער שוין עטלעכע מאָל זיך געווענדט צו דער רעגירונג, זי זאָל אַריינגעמען די ייִדישע שולן אין דער מלוכה-נעץ. דאָס צ. ב. פון די פּראָפ. פאַראיינען האָט זיך אָנגענומען צו שטיצן די פאָדערונג פון די ייִדישע לערער. די פראַגע איז נאָך עד-היום ניט געלייזט, דער קאַמף איז זייער אַ שווערער. די רעגירונג וועט אָבער סוף-כּל-סוף מוזן אָנערקענען די גערעכטע פאָדערונג פון די ייִדישע לערער.

די מאַטעריעלע אַרבעט פון פאַראיין אין משך פון יאָר 1921 איז נאָך באַשטאַנען אין רעגולירן די אַרבעט פון די מיטגלידער: עס זיינען באַגרעניצט געוואָרן די אַרבעט-שעהן פון די חברים (מאַקסימום 6 שעה). עס איז אויך דורכגעפירט געוואָרן דער באַשלוס, אַז די צענטראַלעס זאָלן אויסצאָלן די חובות פון די לערער לויט די טאַריפן פון די חדשים, ווען די אויסצאָלונג קומט פאָר.

עס זיינען פאַרטיידיקט געוואָרן די אינטערעסן פון די לערער ביי דער דורכפירונג פון די ביודזשעט-פאַרקירצונגען אין די שולן.

די אַרבעט פון פאַראיין האָט זיך קיינמאָל ניט באַגרעניצט מיט זייער מאַטעריעלער אַרבעט, די קולטורעלע אַרבעט איז אויך ניט אָפּגעשטעלט געוואָרן דער וויכטיקסטער אויפטו פון דער לעצטער צייט איז דער שוין דערמאָנטער שטענדיקער לייענזאַל מיט וועלכן די לערער קענען שטאָלצירן. דער לייענזאַל באַדינט ניט נאָר די מיטגלידער פון לערער-פאַראיין, נאָר אויך פון אַנדערע פאַראיינען.

אין לייענזאַל געפינען זיך ביז 10,000 ביכער, אַ רייכע פּעדאַגאָגישע ביבליאָטעק אין דייטש און אין רוסיש, טאָג-צייטונגען און זשורנאַלן.

דער לערער-פאַראיין האָט אויך אָנגעשטעלט אין קינדער-ביבליאָטעק ביים צ. ב. ק. אַ שאַף ביכער אויפן נאָמען פון די דריי לערער (לייזער הירוויטש, ש. זיסקאָוויטש-פּאָטאַשניק און קאַפּלאַן), וואָס זיינען געפאַלן אין די בלוטיקע אַפּריל-טעג פון יאָר 1919.

דער פאַראיין האָט דורכגעפירט אַ ריי לעקציעס און פאָרטראָגן וועגן דער אַרבעטסשול, אייניקע פאַמיליענאָוונטן א. אַנד.

דער פאַראיין האָט גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין דער אָרגאַניזירונג פון דעם ערשטן ייִדישן שול-צוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע אין יולי 1921.

ש. באַסטאָמסקי.

---

פון פאַראיין ניט געקאָנט ווירקן. דאַן האָבן זיי זיך אָפּגעטיילט און געשאַפן אַ זעלבשטענדיקן העברעאישן לערער-פאַראיין, וואָס האָט מיט דער צייט פאַראייניקן אַלע לערער, וואָס שטייען אויפן שטאַנדפּונקט פון העברעאיש אַלס אונטערריכט-שפּראַך. צום העברעאישן פאַראיין געהערן אויך די מלמדים פון די חדרים און תּלמוד-תּורות.

י. גורעוויטש.

# 8-קלאַסיקע פאָלקסשול פאַר יינגלעך „מפיצי-השכלה".

## ביים צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט (צ. ב. ק.) אין ווילנע.

בשעת דער אלגעמיינער עוואַקואַציע פון ווילנער מוסדות אין 1915 יאָר זיינען אויך עוואַקואירט געוואָרן פון ווילנע כמעט אלע שולן פאַר יידישע קינדער. ס'רוב לערער, וואָס זיינען געווען טעטיק אין די ווילנער יידישע שולן (מיט רוסיש אלס לערנשפּראַך), זיינען אָפּגעפאָרן טיילווייז לויט דער פאַראָרדענונג פון דער מאַכט, טיילווייז פרייוויליק. אין ווילנע איז צוליב פערזענלעכע סיבות געבליבן אַ גאַנץ גרויסע גרופּע לערער פון אַנדערע שטעט. טעמים פון פּרנסה האָבן געצוואונגען אַ ריי לערער צו עפענען און צו אַרבעטן אין די אַזויגערופענע „גרופּעס" מיט רוסיש אלס שפּראַך פון די לימודים. די יינגערע לערער אָבער מיט אַ ריינערן געזעלשאַפטלעכן און נאַציאָנאַלן חוש זיינען אַריין אין קאָנטאַקט מיטן רעשט פון דעם דאַמאָלסטיקן קאָמיטעט פון דער „חברה מפיצי השכלה" אין ווילנע בנוגע דער פראַגע וועגן עפענען פאַר ווילנער קינדער אמת-יידישע שולן. קלייגע פּרובן פון לערנען אויף יידיש זיינען שוין אויך ביז דאַמאָלסט דורכגעפירט געוואָרן אין ווילנע. אגב איז שוין אין אַ קורצע צייט אַרום נאָכן אָקופּירן ווילנע קלאָר געוואָרן, אַז די אָקופּאַציע-מאַכט וועט קיין רוסישע שולן ניט דערלאָזן, און די „גרופּעס" איז שוין דאַן אויסגעקומען צו טענענען: „אהבתי את אדוני... לא אצא לחפשי..."—אַזוי אַרום האָבן זיך געשאַפן די באַדינגונגען, וואָס האָבן געשטויסן די באַוואוסטזיניקערע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין ווילנע אָנצוהייבן טראַכטן וועגן ערשטן טריט צו אַ נאָרמאַלער ערציאונג פון יידישן קינד.

אין קאָמיטעט פון ווילנער „מפיצי השכלה" האָט זיך דאַן צום ערשטן מאָל פּראַקטיש געשטעלט די שאלה וועגן אונזער שול-שפּראַך; רוסיש אלס אונטערריכטס-שפּראַך איז געווען אויסגעשלאָסן; די פראַגע איז געווען — יידיש אָדער העברעאיש? און הגם סיי אין דער חברה „מפיצי השכלה" סיי אין קאָמיטעט זיינען געווען פאַראייניקט יידישיסטן און ציוניסטן, זיינען דאַן לפּי-ערך גאַנץ לייכט אויסגעאַרבעט געוואָרן אין אַ ריי זיצונגען פון אַ פּעדאַגאָגישער קאָמיסיע צוזאַמען מיט אַנדערע ווילנער געזעלשאַפטן די פּרינציפּן פאַר דער יידישער נאָרמאַלער פאָלקסשול און איר לערן-פּלאַן:

1) יידישע קינדער מוזן באַקומען בילדונג אין אַ יידישער שול.

2) אלע געגנשטאַנדן דאַרפן אין די יידישע שולן געלערנט ווערן אויף יידיש.

אָנמערקונג. אויב אַ געוויסע צאָל עלטערן וועלן אויסדריקן דעם וואונטש, אַז מ'זאָל לערנען אויף העברעאיש, דאַרפן געגרינדעט ווערן נייע שולן, וואו מ'זאָל לערנען אלע געגנשטאַנדן אויף העברעאיש.

3) שפּראַכן ווערן איינגעפירט בהדרגה.

4) דאָס לערנען אין אַ יידישער נאָרמאַלער פאָלקסשול געדויערט 8 יאָר.

5) די צאָל לעקציעס פון די געגנשטאַנדן אין יעדער וואָך:

| די געגנשטאַנדן | דיקלאַסן | I | II | III | IV | V | VI | VII | VIII |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | עלטער | 6 | 7 | 8 | 9 | 10 | 11 | 12 | 13 |
| יידיש . . . . . . . . . | | 8[1] | 8 | 6 | 4 | 3 | 3 | 3 | 2 |
| העברעאיש . . . . . . . | | — | — | 6 | 4 | 3 | 3 | 3 | 3 |
| תנ"ך . . . . . . . . | | — | — | — | 2 | 4 | 4 | 4 | 4 |
| מלוכה שפּראַכן . . . . . . | | — | — | — | 6 | 5 | 4 | 4 | 4 |
| אריטמעטיק . . . . . . . | | 4 | 4 | 4 | 4 | 3 | 3 | 3[3] | 1[3] |
| געאָמעטריע . . . . . . . | | — | — | — | — | — | 2 | 2 | 2 |
| אלגעמיינע געשיכטע . . . . | | — | — | — | — | 2 | 2 | 2 | 3 |
| יידישע געשיכטע . . . . . . | | — | — | — | — | 2 | 2 | 3 | 3 |
| געאָגראַפיע . . . . . . . | | — | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 |
| נאַטורוויסנשאַפט . . . . . . | | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 2[4] | 2[4] |
| האַנט-אַרבעט . . . . . . . | | 6 | 6 | 3 | 3 | 2 | 2 | 2 | 1 |
| מאָלן און קלעפּן . . . . . . | | | | 2 | 1 | 1 | 1 | 1 | — |
| צייכענען . . . . . . . . | | — | — | — | — | — | 1 | 1 | 1 |
| פיזיק . . . . . . . . . | | — | — | — | — | — | — | — | 2 |
| גימנאַסטיק, שפּיל-מיט-געזאַנג . | | 6 | 6 | 4 | 3 | 3 | 3 | 2 | 1 |
| געזאַנג . . . . . . . . | | — | — | 1[2] | 1 | 1 | 1 | — | — |
| אָרטיקע שפּראַכן . . . . . | | — | — | — | — | — | — | 2 | 4 |
| יידישע דעמאָגראַפיע . . . . | | — | — | — | — | — | — | — | 1 |
| בס"ה . . . . | | 24 | 24 | 28 | 32 | 33 | 35 | 36 | 36 |

באַמערקונגען: 1) לייענען, שרייבן און שמועסן.
2) אויסער כאָר-געזאַנג.
3) מיט פּראַקטישע חשבון-פירונג און געוויסע ידיעות פון אלגעברע.
4) אַנאַטאָמיע און פיזיאָלאָגיע פון מענטשן אין צוזאַמענהאַנג מיט היגיענע.

דורכגעפירט בשלום די פּרינציפּיעלע באַשלוסן, איז דער קאָמיטעט געקומען צו דער פּראַקטישער פאַרווירקלעכונג פון דער פראַגע—עפענען אין דער ערשטער ריי אַ שול פאַר יינגלעך, מחמת די 4-קלאַסיקע מיידל-שול פון דער „באַוואוסטער בלינדער ליכט-פאַרשפּרייטערין" דבורה קופּערשטיין האָט זיך נאָך אַ קורצער הפסקה צוריק געעפנט און איז אַריבער צו דער „חברה מפיצי השכלה". אין רשות פון קאָמיטעט פון דער חברה זיינען אָבער קיין מאַטעריעלע מיטלען כמעט ווי ניט געווען. דער אָרטיקער מיטגלידס-אָפּצאָל איז געווען לעכערלעך קליין, און אויף אַ באַלדיקער פאַרבינדונג מיטן פּעטערבורגער קאָמיטעט האָט מען ניט געקענט האָפן. צוליב דעם האָט דער קאָמיטעט באַשלאָסן צו עפענען בלויז דריי מיטעלע קלאַסן פון אַ שול (III, IV און V), אַרויסגייענדיק אויך פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז אין דעם מאָמענט נייטיקט זיך די ווילנער יידישע באַפעלקערונג דער עיקר אין אַזאַ שול פאַר יינגלעך, וואָס זאָל קענען אַריינגעמען כאָטש אַ טייל פון די קינדער אין עלטער פון 8 ביז 12 יאָר, וואָס זיינען טויזנטערווייז פאַרבליבן אין שטאָט אָן שום בילדונג. אויך אין די 3 פּראָיעקטירטע קלאַסן איז די צאָל שעהן פאַרקלענערט געוואָרן לגבי דעם פעסטגעשטעלטן לערנפּלאַן (צייטווייליק אויסגעשלאָסן האַנטאַרבעט, גימנאַסטיק און אַנד.). אויף די ס"ה פאַרבליבענע 75 וועכנטלעכע שעהן און אַנד. הוצאות איז באַשטימט געוואָרן אַ יערלעכער ביודזשעט פון 1715 רובל [לערער (75 ש. a' 15 ר' אַ יאָר) 1125 ר'; דעם פאַרוואַלטער 150 רובל; באַדינער 120 ר'; באַהייצונג 100 ר'; וואוינונג 120 ר'; אלערליי 100 ר']. די צייטווייליקע פאַרוואַלטעריי האָט גענומען אויף זיך דער מיטגליד פון קאָמיטעט משה שאַליט, און צום 15 (28) דעצעמבער 1915 זיינען שוין באַשטימט געוואָרן פאַר די 3 קלאַסן פאָלגנדיקע 10 לערער: שלמה באַסטאָמסקי, אליהו-יעקב גאָלדשמידט, יעקב-דוב באָרדאָן, ישראל גורעוויטש, לייב טורבאָוויטש, משה קאַפּלאַן, שלום קוידאַנאָווסקי, זלמן רייזען, משה שאַליט און מכאל שור. אויף דער ערשטער זיצונג פון פּעדאַגאָגישן ראַט פון שול איז פאַר אַ פאַרוואַלטער פון שול אויסגעקליבן געוואָרן ישראל גורעוויטש.

דער קאָמיטעט האָט אינגיכן אליין איינגעזעען, אַז ער איז באַגאַנגען אַ פעלער מיטן באַשטימען 10 לערער פאַר אַזאַ קליינער צאָל קלאַסן. די גרעסטע צאָל שעהן פאַר אַ לערער איז געווען 12, ס'זיינען אָבער געווען אין שול לערער אפילו מיט 4 שעה אַ וואָך. אָבער אַ גרויסע מעלה איז גראָד געווען דאָס, וואָס אין דער לערער-קאָלעגיע פון דער שול האָבן זיך פאַראייניקט אַ ריי יידישע שריפטשטעלער און כלל-טוער, וואָס האָבן נאָך פריער געקעמפט פאַר דער יידיש-נאַציאָנאַלער קולטור, מיט די בעסטע פּעדאַגאָגישע קרעפטן, וואָס האָבן זיך דאַן געפונען אין ווילנע. אין דעם כמעט צופעליקן פאַקט איז געווען פאַרבאָרגן איינע פון די הויפּט-סיבות, וואָס די יינגלשול אלס ערשטער עקספּערימענט, ווענן וועלכן די בעסטע פון אונז האָבן ביז-איצט געקענט נאָר חלומען און פאַר וועלכן ס'זיינען פאָרלויפיק נאָר טעאָרעטיש געווען אָנגעמערקט די גרונד-פּרינציפּן, אָן אַ באַזע אין עבר, אָן לערנביכער און מכשירים, אָן געלט-מיטלען, איז אינגיכן געוואָרן אַ שטיק פאַרקערפּערטער אידעאַל פון אַ פאָלקסשול אויף דער יידישער מוטערשפּראַך. די לעבעדיקע דערציערישע אַרבעט האָט געשאַפן אַ נייע אָרגאַנישע קראַפט אין יידישן לעבן; פאַר $5^1/_2$ יאָר פון איר עקסיסטענץ האָט די שול בעגעבן די בעסטע רעזולטאַטן און האָט שוין באַוויזן די גוטע פרוכט פון דערציען יידישע קינדער אויף יידיש!

שוין פון ערשטן טאָג אָן פון איר עקסיסטענץ איז דער שול אויסגעקומען צו ראַנגלען זיך מיט אַזוי פיל פאַרשיידנאַרטיקע אויסערלעכע און אינעווייניקסטע שוועריקייטן, אַז עס איז שווער אָנצוווייזן, וועלכע פון אָט אַ די מניעות זיינען געווען די האַרבסטע. ס'איז בענוגע איבערצוטעטרן דעם ערשטן צענדליק פּראָטאָקאָלן פון די זיצונגען פון פּעדאַגאָגישן ראַט פאַר דער צייט פון דעצעמבער 1915 (ערשטער $^1/_2$ חודש) (אגב זיינען אַלע פּראָטאָקאָלן פּינקטלעך געפירט ביז היינטיקן טאָג און געפינען זיך אין אַרכיוו פון שול), כדי צו איבערצייגן זיך, ווי פאַרשיידנאַרטיק עס זיינען די פראַגן, וואָס האָבן גע-

מוזט פארנעמען די אויפמערקזאמקייט פון לערער-ראט. שוין אפגערעדט פון דעם, וואס די לערער, וועלכע האבן געשטרעבט צו שאפן א נארמאלע שול, האבן ניט געקענט און ניט געטארט שלום ווערן מיטן געדאנק, אז די שול הייבט זיך אן פון 3-טן לערניאר—אן די יינגערע קלאסן האט די שול אייגנטלעך קיין יסוד ניט—איז אויך גאנץ שווער געווען איינצוארדענען די 83 תלמידים, וואס מ'האט אנגענומען אין שול. ניט לויטן עלטער, ניט לויט די ידיעות און קענטענישן האבן די קינדער ניט געפאסט פאר דער פראגראם פון א נארמאלער יידישער פאלקסשול. פארן III קלאס האט זיך דאך געפאדערט א געוויסע צוגרייטונג, וואס האט בעדארפט שטאמען אדער פון חדר אדער פון דער „קאזיאנער" שול. אין וועלכן קלאס זאל מען, למשל, אננעמען א 10-יאריקן יינגל, וואס האט שוין אין חדר געלערנט ישעיה און ירמיה, וואס קען אבער קיים אנשרייבן „מאמע" און איז ביכולת צו מאכן א חשבון ניט מער ווי ביז 100? אדער, פארקערט, פאר וועלכן קלאס פאסט זיך א דערוואקסענער בחורל, וואס קען שוין ברכצאלן, לייענט און שרייבט גאנץ פליסיק רוסיש, האט געכאפט פון די חכמות געאגראפיע און נאטורוויסנשאפט און קען דערביי א יידישן אות ניט? וואו זאל מען זיך אהינטאן מיט די הונדערטער קינדער, וואס האבן זיך א לאז געטאן צו פארשרייבן זיך אין שול באלד נאכן עפענען, ווי מ'האט די שול געעפנט? דער פעדאגאג. ראט באשליסט צו עפענען נייע קלאסן אויפן אייגענעם חשבון (ד. ה. פשוט פארלויפיק אן שכירות), אבער וואו נעמט מען א פאסיקן לאקאל?—לחלוטין קיין איין פראגע פון יידישן שול-לעבן איז נאך פון קיינעם ניט געווען פעסטגעשטעלט, און שוין דעם 16 דעצעמבער ווערן אויף דער זיצונג פון ראט אנגעווארפן א ריי פראגן, וואס וואלטן נארמאל געדארפט דעצידירט ווערן דורך א וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע (למשל, איינהייטלעכע ארטאגראפיע אין יידיש), דורך א צענטראלן פארלאג (לערנביכער), דורך א צענטראלן שול-קאמיטעט (עפענען נייע קלאסן און אויסזוכן א גרעסערן לאקאל), דורך א לערער-פאראיין (ווער באשטימט אין שול נייע לערערס)—און אן א שיעור גרעסערע און קלענערע פראגן—עפענען א שול-ביבליאטעק, היטלען בשעת דעם לימוד פון תנ"ך, צי זאל מען שטעלן די תלמידים מיינונגען, צי זאל מען איינפירן שטראפן פאר די קינדער, ווי זאלן זיך די קינדער ווענדן צום לערער אנשטאט דעם רוסישן „נאמען און פאטערנאמען" און אז. וו. אין דערזעלבער צייט שטייט שוין אויף פאר דער שול די טרויעריקע און ביז איצט נאך ניט ערליידיקטע פראגע—וואו נעמט מען מיטלען צו פארגרעסערן די מאטעריעלע מעגלעכקייטן פון דער שול און בכלל צו זיכערן איר קיום? די פראגע איז שטענדיק געווען פאר דער שול די אנגעווייטאגסטע, און ווי א רויטער פאדים איז זי אומעטום קענטיק, אין אלע בעסערע און ערגערע מאמענטן פון שול-לעבן. דער פעדאגאגישער ראט איז אויך ניט פריי פון געוויסע פראגן, וואס זיינען פארבונדן מיט דער „פאליטיק" פון געגעבענעם מאמענט.

דער קאמיטעט „מפיצי השכלה" באשליסט, למשל, פייערן צוליב געוויסע טעמים די רוסישע טאבעל-טעג. דער דייטשער שול-ראט רופט צונויף די ערשטע זיצונג מיט פארשטייער פון די שולן, און דער פעדאגאגישער ראט באהאנדלט זייער לאנג און אויספירלעך זיינע דירעקטיוון פארן פארשטייער פון שול אויף דער זיצונג:—יידיש איז די איינציקע אונטערריכטסשפראך פאר א יידישער פאלקסשול (אלע שטימען קעגן 1); העברעאיש און תנ"ך מוזן פארנעמען אן ארט אין פראגראם פון א פאלקסשול (אלע קעגן 1); עפענען העברעאישע שולן—א פריוואטער ענין, אבער די, וואס באזוכן העברעאישע שולן, דארפן זיין פריי פון שול-פליכט (מ'האט געמיינט, אז די דייטשן וועלן איינפירן א שול-צוואנג).

די דערנערונגס-לאגע אין שטאט ווערט וואס פון טאג שרעקלעכער, און די שול הייבט אן אויסצוגעבן מיט אירע באגרעניצטע מיטלען פרישטיקן פון ברויט מיט טיי פאר די ארימסטע תלמידים אירע (נאך איידער מ'האט אנגעהויבן אויפעפענען די שול-קיכן). ס'ווערט אויך אנגענומען אויסצוזוכן געוויסע געלטמיטלען אויף לערנביכער פאר די ארימערע קינדער; אויך צונויפשטעלן א שול-ביבליאטעק, איבערהויפט דורך ווענדן זיך צו פארלעגער און פערזאנען נאך מתנות (שוין דעם ערשטן חודש צונויפגעקליבן 133 יידישע ביכער, 79 העברעאישע און 165 רוסישע).

אין מערץ 1916 געפינט שוין די שול פאר מעגלעך אריינצוטרעטן אין א ענגערע פארבינדונג מיט די עלטערן, און עס ווערט שוין אויסגעקליבן דורך א עלטערן-פארזאמלונג דער ערשטער עלטערן-קאמיטעט מיט פארשטייער אין לערער-ראט.

אין אפריל 1916 ווערט אין שול איינגעפירט, לויט א שטרענגער פארארדענונג פון דער דייטשער מאכט, דער לימוד פון דייטש—פון III קלאס אן אלס הוספה-לימוד, ד. ה. די צאל שעהן אויף אלע פריערדיקע לימודים ווערט ניט געענדערט.

די צאל קינדער פארשריבענע אין שול איז צו דער צייט אויסגעוואקסן ביז 793.

דער פעדאג. ראט פון דער שול גייט אריין אין קאמיטעט „מפיצי השכלה" מיט א השתדלות וועגן עפענען פאראלעלע קלאסן, נעמענדיק אין אכט, א) אז די שול איז די איינציקע, וואס באפרידיקט די בילדונגס-אינטערעסן פון די ברייטע יידישע פאלקסמאסן; ב) אז איצט איז די גינסטיקסטע געלעגנהייט אוועקצושטעלן די שול אין דער מעגלעכקייט פון ברייטסטער אנטוויקלונג, ווי עס האט זיך ארויסגעוויזן פון דער גרויסער צאל פארשרייבונגען אין פארגלייך מיט דעצעמבער 1915, ווייל, לויט דער יידישער טראדיציע, איז נאך פסח אייגנטלעך דער אנהייב פון שול-יאר (זמן); ג) אז די עקזאמענס האבן קלאר ארויסגעוויזן דעם אומנארמאלן צושטאנד פון דער חדר-בילדונג, ביי וועלכער ס'איז מעגלעך אזא משונהדיקע ערשיינונג ווי די, אז קינדער, וואס לערנען שוין גמרא, קענען ניט קיין צלם פאר קיין אלף, שוין אפגערעדט פון אלגעמיינע לימודים, פון וועלכע זיי האבן קיין השגה ניט; ד) אז די שול מוז אויסנוצן דעם מאמענט, כדי אריינצוברענגען ארדענונג און פלאנמעסיקייט אין דעם ענין פון יידישער דערציאונג דורך פארבינדן די יידישע און אלגעמיינע לימודים. דער קאמיטעט מוז אנווענדן אלע כוחות און אויסגעפינען די נייטיקע מיטלען צו געבן די יידישע קינדער, וואס קלאפן אין די טירן פון דער יינגל-שול, די מעגלעכקייט צו באקומען א נארמאלע, געזונטע, יידישע און אלגעמיינע ערציאונג און בילדונג. ער קאמיטעט מוז תיכף-ומיד געבן א כוח דעם פארוואלטער פון דער שול איינצוארדענען קלאסן פאר אלע צוגענומענע קינדער.—דער פעד. ראט פאדערט א געמיינזאמע זיצונג מיטן קאמיטעט.—צוליב מאנגל אין געלט-מיטלען באשליסט דאך דער קאמיטעט ניט צו עפענען קיין פאראלעלע קלאסן; דער פעד. ראט עפנט דאן די קלאסן אויפן חשבון פון דעם קליינעם שכר-לימוד, וואס מ'האט איינגעשטעלט (פון 2 ביז 5 מארק א חודש). סך-הכל לערנען זיך דאן אין שול 437 תלמידים ביי 9 קלאסן (I, I A, II, III, III A, III B, III C, IV און V), די גרעסטע צאל ניי-אויפגענומענע תלמידים איז געווען מער צוגעפאסט פאר די מיטלסטע קלאסן, איבערהויפט פארן III קלאס (כמעט א העלפט פון אלע ניי-פארשריבענע). די שול איז נאך גרויסע אנשטרענגונגען ארויס פון ענגן לאקאל אויף קאנע 4, און איז אדאנק דער מיטווירקונג פון דאמאלסטיקן פארזיצער פון קאמיטעט „מפיצי השכלה", אייגנטלעך דעם גרינדער פון שול, ד"ר צמח שאבאד, וואס האט בכלל קיינמאל ניט געשפארט קיין מי און קיין צייט פאר דער יינגלשול, אריבער אין א נייעם, גרויסן לאקאל—אין בנין פון דער געוועזענער האנדלסשול אויף אסטראבראם 26, וואו זי געפינט זיך נאך עד-היום. אדאנק דעם דאמאלסטיקן שטאט-פרעזידענט ווענסלאווסקי האט די שול אויך באקומען אין איר רשות דעם אינווענטאר פון דער געוועזענער האנדלסשול.

איצט האט זיך די שול מער ווי אין אלץ שטארק גענייטיקט אין א רואיקער פעדאגאגישער טעטיקייט. ס'איז געווען דורכאויס נייטיק פאר די לערער אינגאנצן איבערגעבן זיך דער אינווייניקסטער שעפערישער שול-ארבעט. ס'איז געווען נייטיק איינצושטעלן קאמיסיעס אויף לימודים, וואו עס זאלן גענוי באטראכט ווערן סיי די אלגעמיינע גרעניצן פון באטרעפנדיקן לימוד פאר יעדן קלאס, סיי די דעטאליזירונג פון יעדער פראגראם, ווי אויך די מעטאדן פון דורכפירן דעם אדער יענעם לימוד. אויף א ריי לימודים האבן לגמרי געפעלט לערנביכער, און פארן ראט האט זיך געשטעלט די פראגע וועגן שאפן פאר די קינדער העקטאגראפירטע (טיילווייז אויך געדרוקטע, למשל, אויף אלגעמיינער געשיכטע) קאנספעקטן פון די לעקציעס.

די קינדער, וואס זיינען צוגעקומען ס'רוב פון חדר האבן לגמרי ניט געוואוסט קיין שול-ארדענונג און דיסציפלין. צוזאמען מיט די קינדער האט זיך אויך געדארפט צופאסן צו דער נייער יידישער שול דער לערער גופא, און ער האט ניט ווייניק געדארפט ארבעטן איבער זיך אליין. ס'האט זיך געפאדערט א גרויסע מיטארבעט מיט די עלטערן, פאר וועלכע סיי די לערנשפראך, סיי דער גאנצער ענין פון א שול אויף יידיש איז געווען אינגאנצן ניי.

א באזונדערע אויפמערקזאמקייט האט געמוזט אפגעגעבן ווערן דער קאארדינירונג פון דער ארבעט פון דעם שפראך-לימוד, וואס פארשיידענע לערער פירן איין און דעמזעלבן קלאס. און אז. וו. און אז. וו.

און דא רוקן זיך פלוצלונג ארויס א ריי אזעלכע פראגן, וואס האבן ביי די לערער שטארק אפגעצויגן די אויפמערקזאמקייט פון זייערע דירעקטע אויפגאבן, וואס האבן ארויסגערופן שארפע פרינציפיעלע חלוקי-דעות צווישן די מיטגלידער פון ראט גופא און א רייצונג צווישן דעם קאמיטעט „מפיצי-השכלה" פון איין זייט און א טייל מיטגלידער פון ראט, אפטער פון גאנצן ראט, פון דער אנדער זייט. אין אלגעמיין קען מען די אלע פראגן דעפינירן מיטן באגריף „ברייטע אווטאנאמיע פארן פעדאגאגישן ראט". קאנקרעט האבן זיך די פראגן איבערהויפט אויסגעדריקט: 1) אין דעם קאמף פאר און קעגן העברעאיש אין II קלאס און דער צאל שעהן פון העברעאיש און תנ"ך אין יעדן קלאס; און 2) אין דער מיספארשטייעניש וועגן די מאטעריעלער אויסהאלטונג פון די פאראלעלע קלאסן. דער קאמיטעט האט צוליבן דוחק אין געלט ניט נאר ניט געוואלט איינשטימען אריבערצונעמען אויף נארמאלע יסודות די פאראלעלע קלאסן, נאר האט שטענדיק געזוכט די מעגלעכקייט צו פארקירצן די הוצאות אויף די גרונט-קלאסן. עס פלעגן אפט אריינגעטראגן ווערן מצד דעם ראט פאדערונגען צו מאכן א סוף מיט דער אומנארמאלער לאגע, וואס א טייל

קלאסן זיינען ווי שטיפקינדער אין שול, און דער קאָמיטעט פלעגט אויף זיי ענטפערן מיט פאָרשלאָגן צו פארמאכן, למשל דעם עלטסטן דאן V קלאס, צו-נויפצוגיסן א פאראלעלן קלאס מיטן גרונד-קלאס וכדומה. פלעגט א טייל פון די פאָרשלאָגן אָנגענומען ווערן, פלעגט עס ארויסרופן א נייע פארטיילונג פון די שעהן צווישן די לערער, נייע קאָמבינאציעס פון די תלמידים אין שול, און דאָס צלך האָט ניט געקענט ניט שאַדן דער שול.

דער היסטאָרישער, קען מען זאָגן, קאַמף צווישן קאָמיטעט און פעד. ראַט פאר און קעגן העברעאיש אין II קלאס און פאר און קעגן דער פאַר-גרעסערונג פון דער צאָל שעהן אויף העברעאיש און תנך אין אלע קלאסן האָט געהאט זיין פאַרגעשיכטע. לויטן ערשטן פלאַן האָבן זיך אין II קלאס געזאָלט לערנען 7-יאָריקע קינדער. אויף דעם קלאס האָט מען נאָך געקוקט ווי אויף א המשך פון קינדער-גאָרטן. די פראָגראַם איז געווען באשטימט בסך-הכל פון 8 שעה יידיש און 4 שעה אריטמעטיק. די איבעריקע 12 שעה א וואָך—האנטארבעט, מאָלן און קלעפּן, גימנאסטיק, שפיל און געזאנג. פאַקטיש אָבער זיינען אין II קלאס בעווען 8—10-יאָריקע קינדער, וואָס האָבן שוין געלערנט אין חדר, און זיי וואָלט אייסנעקומען אין שול צו פארגעסן העברעאיש, יעדנפאלס זיינען זיי געווען פעאיק צו לערנען העברעאיש. די עלטערן, פון זייער זייט, האָבן זיך בשום אופן ניט געקענט באפרידיקן מיט די לימודים אין II קלאס (אויך די קינדער פון III קלאס און ווייטער, וואו מ'האָט שוין יאָ בעלערנט 6 שעה אין וואָך העברעאיש און תּנך, פלעגן ס'רוב נאָך דער שול גיין אין חדר). אזוי-ארום האָט זיך געשאַפן אזא לאגע, אז, ווען מ'זאָל שוין ניט ריידן פון די קינדער, וואָס זיינען איינגעגבן אוועק פון שול אין חדר אריין, כדי שפעטער אין א פאָר יאָר ארום ווידער „אָנצוהייבן" העברעאיש אין III קל., האָבן כמעט אלע איבעריקע תלמידים געלערנט די העברעאישע לימודים צוויי מאָל—הן אין שול הן אין חדר. א אויסוועג וואָלט געווען—ארויסנעמען אינגאנצן פון שול-פראָגראַם די העברעאישע לימודים און איבער-לאָזן פריי פאר די עלטערן צו זוכן אין חדר די נייטיקע הוספה אין דער בילדונג פון זייערע קינדער. וואָלט דאָס אָבער אינגאנצן צעשטערט דעם אוניטאַרן כאראקטער פון דער פראָגראַם פאר דער יידישער פאָלקסשול. דערפאר האָט זיך קלאָר אָנגעמערקט איין מיטל—צריינפירן העברעאיש אין II קלאס און פארגרעסערן די צאָל שעהן אויף די באטרעפנדיקע לימודים אין די ווייטערדיקע קלאסן.

די ראדיקאלערע חברים פון ראַט האָבן אָבער דערפון ניט געוואָלט הערן. זייענדיק אין פרינציפּ קעגן העברעאיש אין פאָלקסשול, האָבן זיי זיך געוואָלט שטעלן אויפן פאָרמעלן שטאנדפונקט, אויף דעם Status quo פון דעם פריער אָנגענומענעם לערנפּלאַן. אָבער אויב דאָס איז געווען „פּאָליטיק" (און אנדערש קען מען דאָס ניט אָנרופן, ווייל די הויפּט-קעגנער האָבן ניט איינמאָל בעלאָזט פארפראָטאָקאָלירן זייער מיינונג, אז העברעאיש און תנך דארפן בכלל ניט האָבן קיין אָרט אין דער פּראָגראַם פון א פאָלקס.-ול), האָבן זיי די פּאָליטיק געפירט ניט פאָרזיכטיק. די זעלבע חברים האָבן געשטימט פאר ענדערן דעם פעסטגעשטעלטן לערנפלאַן, בעמענדיק אין אכט, אז דער אונטער-ריכט אויף דער מוטער-שפּראַך פארלייכטערט די קינדער אין גרויסער מאָס די תפיסה פון די לימודים; אז די קינדער קאָנען לויט זייערע יאָרן און אנטוויקלונג ניט באפרידיקט ווערן מיט דער ביזאהעריקער פראָגראַם פון דער „חברה מפיצי-השכלה" און אז א גרויסע צאָל פון די תלמידים האָבן שוין אייניקע פון די ניי-פּראָיעקטירטע לימודים געלערנט אין די שולן, וואָס זיי האָבן באזוכט ביז דער יינגלשול. נאָך פארן אָנהייב פון די זומער-וואקאציעס 1916 זיינען איינגעפירט געוואָרן:

אין III קל.—2 ש. געאָגראפיע און 2 ש. יידישע געשיכטע;
„ IIIB „ 2 „ „ „ 2 „ „ „
„ IIIA „ 2 „ „ „ 2 „ „ „
און 2 ש. אלג. געש.
„ IV „ 2 „ אלג. געש. און 2 ש. ייד. געש.
„ V „ 2 „ געאָמעטריע.

דער קאָמיטעט פון זיין זייט האָט געהאנדלט אין דער גאנצער פראַגע זייער שלעכט. מ'האָט געוועסט בעגרינדעט א קאָמיסיע ביים קאָמיטעט מיט פאָרשטייער פון ראַט, וואָס האָט דורכגעמאכט אָן א שיעור זיצונגען און וואו מ'האָט בענוי באטראכט פון דאָס ניי דעם גאנצן לערנפּלאַן. ווי דער שטייגער איז אין א קאָמיסיע, איז מען געקומען צו פשרות, אָבער דאָך באגרינדעט מער אָדער ווייניקער פּעדאגאָגיש, רעכענענדיק זיך מיט דער אלגעמיינער צאָל שעהן וכדומה. די קאָמיסיע איז, למשל, דורכגעקומען אויף 4 ש. העברעאיש אין II קל. דאַרף זיך אָבער מאכן, אז דער ראַט האָט מיט א מערהייט פון בלויז 1 שטים אינגאנצן אָפּגעוואָרפן העברעאיש אין II קל. די „קנאים" פון קאָמיטעט האָבן דאַן איינגעזען, אז ס'האָט געשלאָגן די שעה צו מאַכן פּאָלי-טישן קאַפּיטאל אויף דעם לערנפּלאַן פון דער יינגל-שול. צו דער נאָענטסטער זיצונג האָט מען פשוט מאָבּיליזירט שטימען, צונויפגערופן מיטגלידער, וואָס האָבן זיך גאָר נאָמינעל גערעכנט אין קאָמיטעט און האָבן בפירוש קיין איין



מאָל ביז איצט קיין אָנטייל ניט גענומען אפילו אין די זיצונגען פון קאָמיטעט. און עס גייט איוועק א סדרה פון „גאלקעווען". דער פאָרזיצער פון קאָמיטעט ד"ר שאבאד ווערט טעראָריזירט, אלע באשלוסן פון דער קאָמיסיע ווערן אָפּגעוואָרפן ניט באטראכטערהייט, און דער קאָמיטעט נעמט אָן באשלוסן וועגן 12 שעה העברעאיש, לחלוטין ניט רעכענענדיק זיך מיט דער אלגע-מיינער צאָל שעהן, מיט די איבעריקע לימודים („וועט מען ניט לערנען קיין „נאטורוויסנשאפט", „מ'קען אויסקומען אָן האנטארבעט"). אויף אזא שטעלונג האָט שוין דער גאנצער ראַט געמוזט ענטפערן פה-אחד—„היה לא תהיה". און ביידע צדדים, דער קאָמיטעט און דער פעד. ראַט, האָבן פארגעסן, אז זיי שפּילן זיך מיט א וויכטיקער אנשטאלט—ס'האָט בעהאלטן, אז די שול זאָל זיך שליסן. גרויס מי און אימגעווייגלעכע אָנשטרענגונג האָט געקאָסט צו איבערצייגן שפעטער די מערהייט פון קאָמיטעט, ווי געפערלעך דער גאנצער ענין האלט, אז ס'איז ניט דערלאָזלעך צו בייטן ראדיקאל אין מיטן יאָר די פּראָגראַם פון א שול, אז א קאָמיטעט, וואָס באשטייט ווייט ניט פון ספעציאליסטן, קען אָן א ספעציעלער קאָמיסיע ניט אויסאַרבעטן קיין לערנפּלאַן און אז. וו.—און מ'האָט באשלאָסן איינפירן די שינוים פון אָנהייב פון נייעם לערנ-יאָר. איצט איז שוין געווען די ריי פארן ראַט צו גיין אויף הנחות, וועלכע זיינען אויסגעקעמפט געוואָרן דורכן צענטער פון ראַט זייער שווער.

אויף וויפיל דער פעד. ראַט האָט צום אָנהייב לערניאָר איינגעפירט די שינוים זעלבשטענדיק און ניט דורכאויס אונטערן דרוק פון קאָמיטעט, באווייזט, למשל, דער פאַקט, וואָס אין II קל. האָט מען איינגעשטעלט 6 שעה א וואָך העברעאיש און ניט 5, ווי ס'האָט געפאָדערט דער קאָמיטעט, ווייל מ'האָט איינגעפונען אין ראַט, אז קוים פירט מען שוין דאָ יאָ איין דעם לימוד, דארפן די קינדער לערנען די שפראַך א שעה אין טאָג.

עס ווערט איינגעשטעלט פאָלגנדיקער לערנפּלאַן, וואָס האָט זיך שוין ווייניק געענדערט במשך פון די ווייטערדיקע יאָרן, ווען מ'זאָל ניט רעכענען פארמאכטע קלאסן איבערהויפּט צוליב מאנגל אין געלטמיטלען, אָדער פארקערט צוגעקומענע העכערע קלאסן (פון V ביז VIII) [פארן III, IIIa, IIIB און IIIc זיינען די צאָל שעהן געווען ניט אינגאנצן איינהייטלעך, בהסכם מיט דעם, וואָס דאָס זיינען פאַקטיש געווען ניט קיין פּילקים פאראלעלע קלאסן].

| קלאַסן | I | II | III | IV | V |
|---|---|---|---|---|---|
| יידיש . . . . . . . | 10[1] | 8[1] | 8[2] | 6 | 5 |
| העברעאיש . . . . . . | — | 6 | 5 | 5 | 4 |
| תנ"ך . . . . . . . . | — | — | 5 | 5 | 4 |
| רוסיש . . . . . . . | — | — | — | 5[3] | 5[3] |
| דייטש . . . . . . . | — | — | 3 | 4[3] | 4[3] |
| אריטמעטיק . . . . . | 5 | 6 | 6 | 6 | 5 |
| געאָמעטריע . . . . . | — | — | — | — | 2 |
| אלג. געשיכטע . . . . | — | — | — | 2[4] | 2 |
| יידישע געשיכטע . . . | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 |
| געאָגראפיע . . . . . | — | — | 2 | 2 | 2 |
| נאטורוויסנשאפט . . . | — | — | 3 | 3 | 3 |
| גימנאסטיק . . . . . | — | — | 3 | 2 | 2 |
| קלאסן-געזאנג . . . . | — | — | 1 | 1 | 1 |
| מאָלן (קלעפּן) . . . | — | — | 4 | 4 | 3 |
| האנט-ארבעט . . . . | 4 | 4 | — | — | — |
| שפּילן מיט געזאנג . . . | 3 | 3 | — | — | — |
| ס"ה . . | 24 | 29 | 42 | 42-41 | 40-39 |

1) אין דעם אויך שמועסן—אלגעמיינע און פון נאטורוויסנשאפט.

2) צייטווייליק, ווייל דער געגעבענער III קלאס איז ניט דורכגעגאנגען די אינגערע קלאסן פון שול.

3) פון IV קלאס האָט דייטש אינגאנצן ארויסגעשטופט רוסיש; אין V קל. איז שפּעטער געוואָרן צו 3 ש. רוסיש און דייטש.

4) אין IIIA, וואָס איז געשטאנען נענטער פון אלע III-טע קלאסן, צום IV אויך 2 ש. אלג. געש.

אלג. באמערקונג. דאָס אומנאָרמאלסטע אין גאנצן לערנפלאן איז די 42 ש. א וואָך. די איינציקע טרייסט איז געווען, וואָס אויב די קינדער וואָלטן כּנהוג נאָך דער שול אוועק אין חדר, וואָלט דער סך-הכּל שעהן פאר זיי געווען פיל מער פון 42.

לערנביכער האָט מען איינגעפירט:

**אויף יידיש:**

I און II קלאסן „די נייע שול" I ט.-האָכבערג.

III קלאס „אונזער נייע שול"—לוקאָווסקי, לעווין און גורוויטש.

IIIA „דאָס יודישע וואָרט" I ט.—אַלגין.

IIIB „דער שול חבר".

V קל. „דאָס יודישע וואָרט" II ט.

| **אויף העברעאיש און תנ"ך:** | **תנ"ך:** |
|---|---|
| III קל. „עברית" ח' שני. | III קל. שופטים. |
| IIIC—„טל ביקר" | IV — מלכים. |
| IV—„זרעים". | V — ירמיה. |
| V—„עברית" ח' ג'. | |

**אויף אַריטמעטיק:**

II קל.—„אריטמעטישע אויפגאבן"—בראווארניק און לעוויטאַן.

III — Зад. Юревича

IV — Зад. Минина и Арбузова

**אויף דייטש:**

אין אלע קלאסן Bei Spiel und Arbeit v. Jelitto u. Volkmer

**אויף רוסיש:**

Русская рѣчь—ч. II Вольпера.

Охота пуще неволи—Соколова и Панова.

Этимологія—Красногорскаго.

אין די פיר „פּאראלעלע" III-טע קלאסן האָבן זיך געלערנט ביז וואקאציעס 1916 ביז 208 תּלמידים (אין IIIC — 49 קינדער; אין IIIB—49; אין III—52; אין IIIA—58). אָט די גרויסע צאָל תּלמידים האָט געגעבן די מעגלעכקייט אָפּט איבערצוזעצן די קינדער פון איין III קלאס אין אַן אנדערן און שאפן מער איינהייטלעכע—לויט דער אנטוויקלונג—קלאסן. אין א קורצער צייט ארום האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אז די III-טע קלאסן זיינען זיך ווייט פונאנדערגעגאנגען. דורכפירן פּאראלעלע פּראָגראמען אין אלע III-טע קלאסן איז שוין געוואָרן לחלוטין אוממעגלעך. באזונדערס האָבן זיך ארויסגעטיילט דער IIIC, וואָס איז געשטאנען נעענטער צום II קלאס, און דער IIIA, וואָס איז אין פיל פּרטים געשטאנען אפילו העכער פון IV קלאס.—צוליב אָט דער סיבה האָט מען דעם IIIC פאַרוואנדלט אין א IIA און דעם IIIA אין א IVA. די צוויי פארבליבענע פּאראלעלע III-טע קלאסן האָט מען אָנגערופן III און IIIA. דעם IA קלאס האָט מען דער עיקר צוליב עקאָנאָמיע צונויפגעגאָסן מיטן I קלאס. אזוי-ארום האָבן שוין צום אָנהייב לערן-יאָר 1916—17 עקסיסטירט אין שול נאָר 8 קלאסן: I, II, IIA, III, IIIA, IV, IVA און V.

צווישן די פארשיידענע תּחבולות, וואָס זיינען געזוכט געוואָרן כּדי צו געפינען א וועלכן ניט איז אויסגלייך צווישן קאָמיטעט און דעם ראדיקאלערן טייל פון פּעד. ראט בנוגע דער פארגרעסערונג פון דער צאָל שעהן אויף העברעאיש און תּנ"ך, איז כּדאי אָנצווייזן אויפן פּראָיעקט איינצופירן אין שול איינהייטלעכע אָפּטיילונגען אויף די ריין יידישע לימודים, ד. ה. א תּלמיד זאָל לויט זיינע ידיעות אין די אלגעמיינע לימודים קאָנען זיצן אין א נידעריקערן קלאס און לויט זיינע קענטעניסן אויף העברעאיש, תּנ"ך און יידיש—אין א העכערער אָפּטיילונג און פארקערט. אזוי-ארום וואָלט אין שול איינגעפירט געוואָרן א טיילווייזע לימודים-סיסטעם, קעגן וועלכער עס האָט זיך קאטעגאָריש ארויסגעזאָגט דער ראט שוין ביים עפענען די שול.

פאָרמעל וואָלט דער פּראָיעקט באפרידיקט ביידע צדדים, ווייל ביי א באדייטנדיקער צאָל שעהן אויף העברעאיש און תּנ"ך פאר יעדן תּלמיד (דער איינצלנעכער פארלאנג פון קאָמיטעט) וואָלט די שול דאָך געהאט ניט קיין צו גרויסע צאָל שעהן אויף די באטרעפנדיקע לימודים אין אלגעמיין (פארלאנג פון לינקן טייל פון ראט). דער פּעד. ראט האָט טאַקע געוועכט אָנגענומען דעם פּראָיעקט אלס פּראָבע און האָט דורכגעפירט א גרויסע ארבעט אין קאָמיסיעס אין זיצונגען פון גאנצן ראט, וואו ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דער גאנצער סדר פון די אָפּגעטיילטע יידישע לימודים און אויך פון די ניט געענ-דערטע אלגעמיינע לימודים, די צאָל שעהן אויף יעדן לימוד אין יעדן קלאס. דערביי זיינען אויך אויסגעארבעט געוואָרן קורצע פּראָגראמען פאר יעדן פון די יידישע לימודים אזוי, אז יעדע צאָל שעהן איז באַרעכנט מיט דער אָנ-געמערקטער פּראָגראם. דעם פּראָיעקט האָט מען געזאָלט אָנהייבן צו פארווירק-לעכן פון נאָך סוכּות אָן (1916).

## A. מאָטיוון צום פּראָיעקט.

1) די פּעולה פון די קינדער אין העברעאיש און תּנ"ך (אָפּט אויך אין יידיש) איז ווייניק פארבונדן מיט דער צאָל שעהן פון לימוד. אין יעדן קלאס איז דאָ א באדייטנדיקע צאָל תּלמידים, וואָס זיינען ניט צוגעפּאסט צו דער פּראָגראם אויף די יידישע לימודים אין זייער קלאס, ווייל ביים אָננעמען אין שול האָט מען אָפּגעגעבן די הויפּט-אויפמערקזאמקייט די אלגעמיינע לימודים.

2) לאָ די וואָס דער צום לימוד ניט צוגעפּאסטער תּלמיד באווייזט ניט אין קלאס צו פארגרעסערן זיינע ידיעות, פאלט ער סוף-כּל-סוף אריין אין א יאוש און ווערט ס'רוב א שלעכטער תּלמיד אויך אויף די איבע-ריקע לימודים.

3) דער פּעד. ראט איז מחויב אָנצונעמען אלע מיטלען, אפילו די אומבאקוועמסטע, אז די קינדער זאָלן האָבן די בייטיקע פּעולה אין אלע לימודים, וואָס ווערן געלערנט אין שול.

4) אויף וויפיל די אָנווייזונגען זיינען איבערהויפּט ריכטיק בנוגע העברע-איש און תּנ"ך, זיינען זיי אין א גרעסערער מאָס אויך ריכטיק בנוגע יידיש. די קינדער, וואָס קומען אָן דירעקט אין די מיטעלע און עלטערע קלאסן „קענען" יידיש אויף אזוי פיל, וויפיל זיי האָבן ביז דער שול געלערנט העברעאיש.

5) אין די פּריוואטע שולן אין ווילנע, וואָס לעבן מיט די באדינגונגען פון דער געגעבענער צייט, איז אומעטום העברעאיש אָפּגעטיילט פון די אלגעמיינע לימודים.

6) דער פּראָיעקט דאַרף געבן אויך א עקאָנאָמיע אין הוצאות (ז. פּראָיעקט פון לערנפלאן), וואָס ס'איז ביי אזא נויט אויך זייער וויכטיק.

7) א פּולקום נאָרמאלע שול וואָלטן מיר געדאַרפט אָנהייבן בויען עפּענענדיק נאָר דעם I קלאס (דערביי מוז אָבער גענומען ווערן אין אכט, אז גראָד אין I קל. שיקן די עלטערן זייערע 6 און 7-יאָריקע קינדער ניט גערן און טרויען משמעות גיכער דעם חדר צוליב עברי, סידור, חומש און תּפילות).

## B. דער פּראָיעקט.

1) די לימודים אין פּראָגראם פון I קלאס בלייבן אומבארירט (דער I קל. בילדעט דעם יסוד פון דער קינפטיקער פולקום נאָרמאלער שול, וואו די אלגעמיינע לימודים וועלן גיין האנט-ביי-האנט מיט די יידישע לימודים).

2) אין משך פון לויפנדיקן לערניאָר מוז אויסגעארבעט ווערן א לערנפלאן פאר דער קינפטיקער נאָרמאלער שול, לכל-הפּחות פארן קינפטיקן נאָר-מאלן II קלאס*).

3) אלע תּלמידים פון שול, אויסער פון I קלאס (250), בילדן בנוגע די אלגעמיינע לימודים 7 באזונדערע קלאסן, ווי ס'איז גע-ווען פריער.

4) די צאָל שעהן אויף יעדן פון די אלגעמיינע לימודים בלייבט אין יעדן פון די זיבן קלאסן אומבארירט.

5) בנוגע יידיש און העברעאיש מיט תּנ"ך ווערן איינגע-אָרדנט אין דער וואָך פון סוכּות פאר אלע 250 תּלמידים שריפטלעכע און מינדלעכע עקזאמענס; די 250 קינדער זאָלן איינגעטיילט ווערן אין 5 באזונדערע אָפּטיילונגען (לפי-ערך צו 50 תּלמידים אין א אָפּטיילונג), וואו די קינדער וועלן שוין האָבן מער אָדער ווייניקער גלייכע ידיעות.

6) יעדע פון די 5 אָפּטיילונגען באקומט צייטווייליק מער שעהן אויף דעם פון די לימודים יידיש, העברעאיש און תּנ"ך, אויף וועלכן די קינדער זיינען שוואכער**). צוליב טעכנישע טעמים זאָל אָבער דער סך-הכּל אויף אלע דריי יידישע לימודים צוזאמען זיין אין יעדער אָפּ-טיילונג איין און דערזעלבער.

*) דורך דעם ראַזיקן פאקט וואָלט אינגאנצן באזייטיקט געוואָרן די שארפע לאגע—פאָלגן אָדער ניט פאָלגן תּיכּף ומיד דעם קאָמיטעט מ"ה, וואָס האָט ממש געשאָטן מיט ברוגז צום פּעד. ראָט, אזוי, אז ס'האָט זיך געשאכן א ווערטל: „א ברוגז פון קאָמיטעט".

**) אויס קאמף למען פּרינציפּן; די צאָל שעהן אויף די שטרייט-לימודים אַנטשפּרעכן דער ווירקלעכער נויט.

למשל: יעדע פון די 5 אָפּטיילונגען באַקומט צו 15 שעה אַ וואָך, אויסער די אַלגעמיינע לימודים.

| די אָפּטיילונג | יידיש | העברעאיש מיט תנ"ך | פון זיי: העברעאיש | פון זיי: תנ"ך | ס"ה |
|---|---|---|---|---|---|
| א | 9 | 6 | 4 | 2 | 15 |
| ב | 6 | 9 | 4 | 5 | 15 |
| ג | 6 | 9 | 4 | 5 | 15 |
| ד | 5 | 10 | 5 | 5 | 15 |
| ה | 5 | 10 | 5 | 5 | 15 |
| צוזאַמען | 31 | 44 | 22 | 22 | 75 |

7) די לימודים אין די 5 אָפּטיילונגען קומען פאַר פון אינדערפרי; נאָך די לימודים צוטיילן זיך אַלע 5 אָפּטיילונגען אויף 7 קלאַסן פון אַלגעמיינע לימודים.

8) די צאָל שעהן אין וואָך פאַר יעדן פון די 7 „אומנאָרמאַלע קלאַסן", רעכענענדיק זיך מיט יעדן איינציקן תלמיד:

| די לימודים | I | II קל. | II A | III | III A | IV | IV A | V | ס"ה |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| יידיש און העברעאיש מיט תנ"ך | — | 15 | 15 | 15 | 15 | 15 | 15 | 15 | (15×5) 75 |
| יידיש | 10 | — | — | — | — | — | — | — | 10 |
| רוסיש | — | — | — | 3 | 3 | 3 | 3 | 4 | 16 |
| דייטש | — | — | — | 3 | 3 | 3 | 3 | 3 | 15 |
| אַריטמעטיק | 5 | 5 | 5 | 5 | 5 | 4 | 4 | 3 | 36 |
| געאָמעטריע | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 |
| געאָגראַפיע | — | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 10 |
| נאַטורוויסנשאַפט | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 12 |
| געשיכטע | — | — | — | — | — | 2 | 2 | 2 | 6 |
| יידישע געשיכטע | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 16 |
| מאָלן | — | — | 2 | 2 | 2 | 1 | 1 | 1 | 8 |
| האַנט-אַרבעט | 4 | 3 | 1 | — | — | — | — | — | 8 |
| שפּיל-און-געזאַנג | 3 | — | — | — | — | — | — | — | 3 |
| געזאַנג | — | 1 | 1 | 1 | 1 | 1 | 1 | 1 | 7 |
| גימנאַסטיק | — | 1 | 1 | 1 | 1 | 1 | 1 | 1 | 7 |
| ס"ה | 24 | 27 | 29 | 36 | 36 | 36 | 36 | 38 | 231 |
| פון זיי אַלגעמיינע לימודים | — | 12 | 14 | 21 | 21 | 21 | 21 | 23 | 133 |

דער פעד. ראַט האָט באַשלאָסן בילדן אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל צופּאַסן דעם פּראָיעקט צום שול-לעבן און אויסאַרבעטן קורצע פּראָגראַמען אויף די שטרייט-לימודים. די קאָמיסיע (י. גורעוויטש, א. י. גאָלדשמידט, ז. רייזען, י. ד. גאָרדאָן און ל. טורבאָוויטש) האָט אין תוך אָנגענומען דעם פּראָיעקט און האָט אויסגעאַרבעט פאָלגנדיקע פּראָגראַמען און רשימה פון לימודים אויף יידיש, העברעאיש און תנ"ך. ביים אויסאַרבעטן די פּראָגראַמען האָט די קאָמיסיע גענומען אין אַכט דעם לעבעדיקן תלמיד, די ידיעות אין „יידישע לימודים", וואָס די קינדער באַזיצן פאַקטיש, און די פּראָגראַמען גופא אילוסטרירן, ווי ווייט אוממעגלעך ס'איז געווען אין יענעם מאָמענט אי-



בערצולאָזן אין איין און דעמזעלבן „נאָרמאַלן" למשל IV קלאַס צוויי קינדער, פון וועלכע איינער דאַרף זיין אויף די יידישע לימודים אין אָפּטיילונג ב' און דער צווייטער, למשל, אין אָפּטיילונג ד' וכדומה.

## C. קורצע פּראָגראַמען.

### I יידיש.

1) אין אָפּטיילונג א.

פליסיק לייענען; דערציילן; שרייבן; שמועסן.

2) אין אָפּטיילונג ב.

גוט לייענען; גלאַטיק דערציילן; שיין שרייבן; נעוויסע ידיעות אין אויסלייגן, אויך בנוגע איניקע העברעאישע ווערטער; שמועסן; לייכטע זעלבשטענדיקע שריפטלעכע אַרבעט; דיקטאַנט.

3) אין אָפּטיילונג ג.

גיך און גוט לייענען; בינדיק, מיט פאַרשטאַנד דערציילן; שיין און ריכטיק שרייבן; גרינדלעכע ידיעות אין אויסלייגן העברעאישע (און תלמודישע) ווערטער; סטיליסטישע שריפטלעכע אַרבעט; אויסדריקלעך לייענען אויף אויסווייניק שירים; עטימאָלאָגישער און סינטאַקטישער אַנאַליז פון איינפאַכן זאַץ; קורצע ביאָגראַפיעס פון די באַקאַנטסטע שריפטשטעלער.

4) אין אָפּטיילונג ד.

די קונסט פון לייענען און דערציילן, זעלבשטענדיק איבעראַרבעטנדיק דעם כאַראַקטער און דעם אינהאַלט פונם געלייענטן (כדי צו אַנטוויקלען דעם כח הדמיון); צונויפשטעלן פּלאַנען פונם געלייענטן (אַלגעמיינע און טיילווייזע); גרינדלעכע ידיעות אין אויסלייגן; סטיליסטישע שריפטלעכע אַרבעט; באַוואוסט-זיניקער דיקטאַנט; ליטעראַרישער אַנאַליז הן בנוגע צום אינהאַלט, הן בנוגע צו דער פאָרם (כדי צו אַנטוויקלען אַ קריטישן חוש); עטימאָלאָגישער און סינטאַקטישער אַנאַליז פון אַלע מינים צונויפגעזעצטע זאַצן; ביאָגראַפיעס פון שריפטשטעלער.

5) אין אָפּטיילונג ה.

צונויפשטעלונג פון אויספירלעכע פּלאַנען; פולקום באַהערשן די יידישע אויסלייגונג; אַלערליי סטיליסטישע שריפטלעכע אַרבעט און זעלבשטענ-דיקע אויפזאַצן; יידישער פאָלקלאָר, מוסטערן פון פּאָעזיע מיט ליטע-ראַרישן אַנאַליז; גרינדלעכע ידיעות און עטימאָלאָגיע און סינטאַקסיס; ליטעראַרישע כאַראַקטעריסטיקעס פון שריפטשטעלער; עלעמענטאַרע ידיעות און ליטעראַטור-טעאָריע.

### II. העברעאיש.

1) אין אָפּטיילונג א.

פליסיק לייענען און פאַרשטיין דאָס געלייענטע; איבערשרייבן פון בוך; קליינע דיקטאַנטן;

2) אין אָפּטיילונג ב.

גיך און גוט לייענען; איבערדערציילן דאָס געלייענטע אין העברעאיש; נטיות פון שמות און פעלים; די וויכטיקסטע כללים פון פאָנעטיק; שריפטלעכע אַרבעט.

3) אין אָפּטיילונג ג.

גוט איבערדערציילן סיפורים און צונויפשטעלן פּלאַנען פון געלייענטן; גראַמאַטישע תרגילים; שריפטלעכע איבערדערציילונג לויט אַ פּלאַן; נטיות פון שמות און פעלים; כללים פון פאָנעטיק.

4) אין אָפּטיילונג ד.

דערציילן, זעלבשטענדיק איבעראַרבעטנדיק דעם כאַראַקטער און אפילו דעם אינהאַלט פונם געלייענטן; סטיליסטישע אין גראַמאַטיקאַלישע שריפט-לעכע אַרבעט; דיקטאַנט; דיקדוק (לויט אַ לערנבוך); שריפטלעכע איבער-דערציילונג לויט אַ זעלבשטענדיק צוזאַמענגעשטעלטן פּלאַן; ביאָגראַפיעס פון שריפטשטעלער און גדולי ישראל.

5) אין אָפּטיילונג ה.

פולקום באַוואוסטזיניק לייענען און דערציילן אין העברעאיש; גרינד-לעכע ידיעות אין דיקדוק; די הויפּט-מאָמענטן אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון דעם העברעאישן סגנון.

### III. תנ"ך.

1) אין אָפּטיילונג א.

(פון צווייטן האַלב יאָר). ספורי המקרא אָדער התחלת חומש.

2) אין אָפּטיילונג ב.

תורה מיט השמטות פון ווייניק צוגעפּאַסטע סדרות און קאַפּיטלעך.

3) אין אָפּטיילונג ג.

יהושע, שופטים, שמואל א', שמואל ב' און מלכים (מיט השמטות)

**אין אָפּטיילונג ד.**

מלכים ב׳ (פאַרענדיקן) און ירמיה.

**אין אָפּטיילונג ה.**

ישעיהו, תרי־עשר.

א טייל פון כּצד. ראַט האָט געזען די איינציקע ישועה פאַר דעם געגעבענעם מאָמענט אין דעם פּראָיעקט; נאָך א טייל, געפינענדיק, אַז דער צושטאַנד פון די תּלמידים אין שול בנוגע דעם לימוד פון העברעאיש און תּנ״ך איז אומנאָרמאַל, איז בעל־כּרחו געווען געשטימט צום פּראָיעקט פּאָזיטיוו, הגם די מיטגלידער פון ראַט האָבן אָנגעוויזן, אַז מ׳קען ניט זיין זיכער אין דער אומשעדלעכקייט פון פּראָיעקט פאַר דער איינהייטלעכקייט פון דער שול; א דריטער טייל אָבער, ניט קוקנדיק אויפן פּאָזיטיוון באַשלוס פון פּ. ר. דורכצופירן דעם פּראָיעקט אַלס פּראָבע, און אויף דער גרויסער אַרבעט אַרום דעם פּראָיעקט, האָט זיך אַיינגעשפּאַרט מיט אַלע מיטלען תּיכּף אַראָפּצונעמען דעם פּראָיעקט פון סדר־היום. מ׳האָט דורכגעפירט סעפּאַראַטע באַראַטונגען, מ׳האָט געדראָט מיטן אָפּזאָגן זיך פון דער אַרבעט אין שול — און סוף־כּל־סוף איז דעם דאָזיקן טייל פון ראַט געלונגען, נאָך לאַנגע חלוקי־דעות אין ראַט, צו באַקומען א מערהייט פון איין שטים פאַר אָפּוואַרפן דעם פּראָיעקט.

למען האמת מוז איצט, אין 5 יאָר אַרום, געזאָגט ווערן, אַז, ווען דער פּראָיעקט וואָלט יאָ אָנגענומען געוואָרן, וואָלט מיט אים מן הסתם געווען „יצא שכרו בהפסדו״.

אויך ביים פעסטשטעלן אין דער ווייטערדיקער אַרבעט די פּראָגראַמען אויף העברעאיש און תּנ״ך אין שול כּאַר אַלע עקסיסטירנדיקע קלאַסן איז דער פּ. ר. דאָך געבליבן ביי 5 שטופן פאַר די העברעאישע לימודים: II קלאַס — ערשטע שטופע; IIA — צווייטע; III און IIIA — דריטע; IV און IVA — פערטע; V — פינפטע שטופע. די אויפסניי אָנגענומענע פּראָגראַמען האָבן לפי־ערך געשטימט מיט די פריער אָנגעוויזענע פאַר די אָפּטיילונגען א, ב, ג, ד, און ה, — ס׳האָט אָבער געפעלט די פולקומע צוגעפּאַסטקייט פון די פּראָגראַמען פאַר אַלע תּלמידים, וואָס האָבן זיך געלערנט אין דעם אָדער אין יענעם קלאַס.

פאַרענדיקט „בשלום״ די אומאויפהערלעכע שטרייטן בנוגע דער צאָל שעהן אויף העברעאיש און תּנ״ך, האָט די שול געקאָנט האָפן איצט אויף א מעגלעכקייט פון פּראָדוקטיווער פּעדאַגאָגישער אַרבעט. אָבער אויך איצט איז נאָך דערצו די צייט ניט געקומען.

עס האָט זיך געקענט דאַכטן, אַז וואָס מער דער קאָמיטעט האָט געוויזן זיין „שטאַרקע האַנט״ בנוגע פּעדאַגאָגישע פראַגן אין שול, אַלץ מער האָט ער געדאַרפט טראָגן די אחריות פאַרן אויסהאַלטן די אַנשטאַלט. ס׳איז אָבער געווען פאַרן קאָמיטעט פיל לייכטער צו קירצן די הוצאות פון זיינע אַנשטאַלטן, ווי זוכן פאַר זיי הכנסות. דאָס איינציקע כּמעט וואָס דער קאָמיטעט (?) האָט יאָ אויפגעטאָן, איז געווען דאָס, וואָס ד״ר צ. שאַבאַד האָט אויסגעקעמפט ביי דעם דאַמאָלסטיקן צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידישע וואוילטעטיקע אַנשטאַלטן (צ. ק.) א געוויסע סובסידיע פאַרן קאָמיטעט „מפיצי השכלה״, אייגנטלעך פאַר די שולן פון קאָמיטעט. עס מוז אָבער דאָ געזאָגט ווערן, אַז קעגנער אין צ. ק. פון אָט דער קליינער שטיצע זיינען געווען ניט נאָר סתם מיטגלידער פון צ. ק., נאָר אויך אַזעלכע, וואָס זיינען אין דערזעלבער צייט געווען מיטגלידער פון קאָמיטעט מפיצי־השכלה, אַזעלכע מיטגלידער, וואָס האָבן אָקאָרשט דורכגעפירט זייער ווילן בנוגע דער יינגל־שול און האָבן אייגנטלעך שוין געדאַרפט זיין בשלמות צופרידן מיט דער שול. — האָבנדיק אַלזאָ קליינע מיטלען, האָט דער קאָמיטעט מפיצי־השכלה באַשלאָסן צו זוכן פאַרקירצונגען אין די הוצאות אויף דער יינגל־שול, — און ס׳איז אָוועק א נייע סעריע „בריוו כון קאָמיטעט״: — „פאַרמאַכן די פּאַראַלעלע קלאַסן״, „פאַרמאַכן דעם V קלאַס״ און אַז. וו. אין פּראָטאָקאָל פון 13 אָקטאָבער 1916 (זיצונג פון פּ. ר.) איז געשילדערט דורך א ריי לערער די שרעקלעכע לאַגע, אין וועלכע די שול ווערט נאָכאַנאַנד געשטעלט (אין דער זיצונג פון ראַט האָט אָנטייל גענומען אויך ד״ר צ. שאַבאַד): „קיין שול אין ווילנע האָט נאָך ניט געהאַט אַזעלכע געפערלעכע מאָמענטן״. דער ביודזשעט פון שול האָט דאַן באַטראָפן ס״ה 1700 מאַרק א חודש. דער קאָמיטעט האָט ענדלעך געמאָלדן, אַז פון דער שטיצע, וואָס ער באַקומט פון צ. ק., וועט ער איינטיילן פאַר דער יינגל־שול 600 מאַרק א מאָנאַט. ביי לפי־ערך 200 מאַרק א חודש פון שכר־לימוד, האָט די שול געהאַט אַלזאָ א דעפיציט פון 900 מאַרק א חודש. ניט האָבנדיק קיין אויסוועג, באַשטימען די לערער, אָנשטאָט צו פאַרמאַכן דעם V קלאַס, איבערנעמען דעם קלאַס אינגאַנצן אויף זיך; איינעם פון די פּאַראַלעלע קלאַסן פאַרמאַכן (IIIA). ווידער א פאַרטיילונג פון דער אַרבעט צווישן די לערער, ווידער א איבערגרופּירונג פון קינדער און אַזוי אָן א סוף.

נאָך א טענה האָט געהאַט דער קאָמיטעט מפיצי־השכלה צו דער יינגל־שול — פאַרוואָס מאַכט זי ניט קיין אונטערנעמונגען? די מיידלשול האָט שוין אין פעברואַר געמאַכט לטובת דער שול א ווינאָגראַדאָוו־קאָנצערט. די יינגלשול האָט זיך מיט אַלע כּוחות געווערט. קעגן אַזאַ ווענדונג אין דער פינאַנסירונג פון שול. אָבער סוף־כּל־סוף איז די וואַנט דורכגעבראָכן געוואָרן — און אין דעצעמבער 1916 שרייט שוין די יינגלשול דורך גרויסע און אָפטע אָנאָנסן אין די דאַמאָלסטיקע „לעצטע נייס״ — „קומט אויפן אָוונט פון דער יידישער סינאַגאָגאַלער מוזיק! איר שטיצט דערמיט די יינגלשול!״ כאַראַקטעריסטיש איז אָבער, אַז אויף דערזעלבער זיצונג, וואו די לערער פון שול באַהאַנדלען אויספירלעך די פּראָגראַם פון דער לעקציע־קאָנצערט, וואָס פאַר א פּרייזן זאָל מען באַשטימען פאַר די בילעטן, ווער זאָל איינאָרדענען אַ בופעט און ד. גל., וואַרפט זיך דורך אויך א קורצער באַשלוס: „מחמת דוחק אין צייט, אויסאַרבעטן פּראָגראַמען פון די לימודים אין שול נאָר אויף א וואָך״.

די ווייטערדיקע בלעטער פון דער געשיכטע פון דער יינגלשול זיינען אין לויף פון צוויי יאָר (XII 1916—XI 1918) פאַרגאָסן מיט שווייס פון אומענדלעכע אונטערנעמונגען, וואָס די שול האָט דורכגעפירט, ראַנגלענדיק זיך פאַר איר קיום. אין יאַנואַר 1917 — א לאָטעריי, וואָס גיט זיך אגב ניט איין. תּיכּף נאָך דעם הייבט מען אָן טראַכטן וועגן אַ קינדער־אָפּערע, און אין II 1917 הייבן זיך אָן די הכנות צו דער שפּעטער באַריכט געוואָרענער קינדער־סימפאָניע (אין מוזיק־שול), וואָס מיט איר הילף האָט די שול דורכגעפירט א גאַנצע ריי אָוונטן מיט הכנסה. ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט אַליין דורכצופירן אַלע אָוונטן, גייט די שול אַריין אין פאַרבינדונג מיט „אחיעזר״, מיט „אגודת אחים״ און אַנד. ווי טרויעריק עס זאָל ניט זיין צו זאָגן בנוגע דער ווירקלעכקייט פון די יידישע שולן, מוז דאָ דערציילט ווערן, אַז די איבעריקע שולן האָבן מיט קנאה געקוקט אויפן „גילדערנעם פינגערל״ — דעם קינדער־אָרקעסטער, וואָס די יינגלשול האָט זיך אויפגעבויט. זייער פיל האָט מיטגעהאָלפן אין שאַפן דעם „מוזיק־קלאַס״ ביי דער שול — דער אין יולי 1920 טראַגיש אומגעקומענער אברהם לעווין ז״ל. בכלל אָבער האָט די שול פון קיין זייט ניט באַקומען קיין אונטערשטיצונג און הילף, און טאַקע מיט דער קינדער־סימפאָניע האָט די שול געהאַט אָן א שיעור זאָרגן און ליידן. עס פעלן די נייטיקסטע מוזיקאַלישע כּלים; ניטאָ מיט וואָס אויסצוהאַלטן די לערער פון מוזיק און א דיריזשאָר (פריער מ. זאַמשטייגמאַן און שפּעטער ה׳ זיידמאַן). צו אָפטע קאָנצערטן קען מען ניט דורכפירן מחמת פּעדאַגאָגישע טעמים, און אויך דער ערפאָלג וואָלט אגב געליטן. שטענדיקע אינטריגעס צווישן די מוזיק־לערער (ווי באַוואוסט, איז זעלטן, אַז זיי זאָלן גוט לעבן צווישן זיך), אָבער אויך די קליינע מוזיקער (תּלמידים פון שול און אויך זייטיקע קינדער) האָבן די ערשטע זאַך באַוויזן צו ירשענען אָט די פעאיקייט, און אָט ווערט מיטאַמאָל א פאַראַנטוואָרטלעכער אָנטיילנעמער פון אָרקעסטער ברוגז... וועגן וואָס זאָל מען שוין דאַן פריער זאָרגן — וועגן די לימודים אין שול, אָדער וועגן דעם, וואָס דער באַשטימטער קאָנצערט, וועלכער האָט שוין געקאָסט פיל מי און געלט, וועט חלילה ניט פאָרקומען! אויך ניט אַלע לערער פון שול האָבן אַרויסגעוויזן גענוג העפלעכקייט צו די ח״ח מוזיקער און צו די פאַרשיידענע „קאָמיטעטן״, וואָס האָבן געמוזט געשאַפן ווערן אַרום דער שול. וועגן א קאָנצערט מוז מען פיל זאָרגן: מ׳דאַרף האָבן צו טאָן מיט דער מאַכט, מ׳דאַרף באַזאָרגן דעם זאַל, די אַפישן, פאַרשפּרייטן בילעטן און אַז. וו. און דאָ „קומען צו הילף״ דער „עלטערן־קאָמיטעט״, דער „פאַרזאָרגונגס־קאָמיטעט״, דער „דאַמען־קאָמיטעט״, די „סטודענטישע גרופּע״. יעדער פון די „פאַרזאָרגער״ פאָדערט אויפמערקזאַמקייט, און זיצונגען, זיצונגען אָן א סוף. קאָמבינאַציעס מיטן קינדער־אָרקעסטער האָט מען געמאַכט סאַמע פאַרשיידענע: „ריינע״ קאָנצערטן (די שווערסטע מוזיקאַלישע נומערן פון מאָצאַרט, גריג און אַנד.); א ריי פאָלקסקאָנצערטן; קאָנצערטן פון יידישער מוזיק צוזאַמען מיטן שטאָט־חזן מ. הערשמאַן; אָפענע פרילינגס־פאַרוויילונגען אין שטאָטישן גאָרטן מיטן אָנטייל פון דייטשן אָפּערן־זינגער ג. הערפער; קאָנצערטן ספּעציעל פאַר קינדער צוזאַמען מיט א קינדער־אָפּערע „צווישן די בלומען״ און דעם כאָר פון שול. דער 5־יאָריקער אָנטיילנעמער בודאָוניק האָט געפּרובט דיריזשירן דעם „טערקישן מאַרש״. מ׳האָט געקאָנט ממש פאַרשיכּורט ווערן פון אָט די פאַרשיידענע אונטערנעמונגען. אָבער די אָנפירער און די מער באַוואוסטזיניקע קינדער, וואָס האָבן גוט געדענקט, אַז אַזאַ שיינע אינסטיטוציע, ווי די מוזיק־שול, וואָלט געדאַרפט דינען דעם אמתן שר פון קונסט און ניט דווקא דעם עגל הזהב, האָבן דאָך ניט אינגאַנצן פאַרלאָרן די בושה, און ס׳האָט „געפלאַמט דער פּנים פאַר ניט פאַרדינטער באַעוולונג און באַליידיקונג״ (א לערער פון שול וועגן דעמזעלבן ענין — זע „אונזער טאָג פאַר אַמעריקע״).

און קיין „גאָלדענע געשעפטן״ האָט די שול אַלץ ניט געמאַכט. די הכנסות האָבן דאָך ניט געקלעקט, און צווישן די אייגענע קאָנצערטן כּאַפּט די שול אַריין עטלעכע לאָטערייעס; קאָנצערטן פון ה׳ ווינאָגראַדאָוו („ריגאָלעטאָ״); מ׳פּרובט זיך מיט ה׳ קאָראַבקאָוו און וואַנדאַ באַהושעוויטש; פרוי מאַריאַן שטעלט לטובת דער שול „צוליב גליק״; הערמאַן סאָלאָמאָנאָוו שפּילט פידל; ס׳ווערט דורכגעפירט אַן אָוונט פון אַנטאָן רובינשטיין (ווינאָגראַדאָוו) מיטן אָנטייל פון ד״ר א. אָלשוואַנגער; לית ברירה טרעטן שוין אַרויס מיט א טריאָ דער פאַרוואַלטער פון שול צוזאַמען מיט צוויי לערער, — און אין נאָוועמבער 1918, פאַרן פאַרנעמען ווילנע דורך דער ראַטנמאַכט, בשעת דער חלף פון נויט איז געהאַנגען איבער דער שול (די לערער זיינען שוין צו פיל חדשים געזעסן אָן שכירות), אָרדנט די שול איין א... באַל־מאַסקאַראַד — „צום ערשטן מאָל אין ווילנע נאָך א הפסקה (אין מאַסקאַראַדן) פון 4 יאָר״ — און צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער יידישער שול (אמת, די שול האָט איר נאָמען באַהאַלטן). ערשט די ראַטנ־

מאַכט האָט געמאַכט פון דער שול אויס פּאַיאַץ און האָט זי איבערגענומען, צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע אַנשטאַלטן, אויפן חשבון פון דער מלוכה.

אויך גוטע מאָמענטן זיינען געווען אין לעבן פון שול אין פאַרבינדונג מיט דער קינדער-סימפאָניע. שוין אָפּגערעדט פון דעם, וואָס די גאַנצע שול האָט באַקומען די מעגלעכקייט פּאַסיוו צו באַטייליקן זיך אין דער מוזיקאַלישער אַרבעט אין שול (בייצוזיין אויף די רעפּעטיציעס, אויף די קליינע שול-יום-טובים, אויף די קינדער-קאָנצערטן אויסער דער שול), האָבן זיך ביז 150 קינדער געלערנט אין די 6 — 7 מוזיק-אָפּטיילונגען ביי דער שול אויף פאַרשיידענע מוזיקאַלישע כלים: פידל, צעלאָ, קאָנטרבאַס, פלייט, קלאַרנעט, קלאַוויר און אַנדערע. אויך סאָלפעדזשיאָ איז געווען ערנסט געלערנט (קאָמפּאָזיטאָר בערנשטיין). אין פאַרבינדונג מיטן לימוד פון געזאַנג און גוט אַוועקגעשטעלטן כאָר (אַ. סליעפּ) האָט זיך די מוזיקאַלישע אַנטוויקלונג פון די קינדער אין שול שטאַרק אַ הייב געטאָן. די גוטע פעולה האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן — (אַ ריי קינדער, דווקא פון די אָרימערע שיכטן, האָבן אפילו באַוויזן אַ נייגונג צום זעלבשטענדיקן מוזיקאַליש-ליטעראַרישן שאַפן). אויך אין די ברייטערע פאָלקסשיכטן האָט דער אָרקעסטער געטראָגן אַ עסטעטישן תענוג. פון צייט צו צייט פלעגן אין שול גופא פאָרקומען אָריגינעלע אָוונטן-פאַרזאַמלונגען פון די מיטגלידער (מיט אַ חודש-אָפּצאָל), וואָס די שול האָט מיט אייגענע כוחות ערוואָרבן (ביז 600 מיטגלידער). אויסער די פאַרוויילונגס-נומערן, פלעגט מען דאָ אָפּגעבן באַריכטן: דער פאַרוואַלטער — וועגן דער שול; ש. כהן — פאָרזיצער פון פאַרזאָרגונגס-קאָמיטעט; ה׳ צוקערזיס פון דער ערן-פאַרוואַלטונג פון די מוזיק-קלאַסן; ל. זקהם — קאָנטראָל-קאָמיסיע; ד. געצעלס — ווירטשאַפטס-קאָמיסיע; פרוי פּ. מאַרק — קאָמיסיע וועגן אונטערנעמונגען.

דער קאָמיטעט פון דער חברה „מפיצי-השכלה״ האָט דערווייל געהאַט אַ „וויכטיקערע״ אַרבעט. פון אַפּריל 1917 אָן איז אַוועק אַ סדרה אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, וואַלן, צייטונגס-פּאָלעמיק און אַז. וו. די געבליטן האָבן זיך צעקאָכט, און אויך די ייִנגלשול איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין גאַנג פון די געשעענישן — באַראַטונגען פון „מיעוט״, פּראָטעסטן, תשובות בקיצור און באריכות.

אין טומל פון אָט דער „שול-טעטיקייט״ האָט מען אינגאַנצן פאַרגעסן אָן די התחייבותן, וואָס עס דאַרף טראָגן אויף זיך די אָקופּאַציע-מאַכט. אין דער צייט, וואָס אין אַנדערע אָקופּירטע שטעט האָט די דייטשע מאַכט אָדער אינגאַנצן, אָדער אין אַ באַדייטנדיקער מאָס אויסגעהאַלטן די נאַציאָנאַלע שולן און האָט אפילו פאַרן אָפּטרעטן (למשל, פון גראָדנע) איבערגעלאָזן מיטלען אויף ויסצוהאַלטן די אַנשטאַלטן ביזן סוף לערניאָר (אַגב, איז שפּעטער צוליב דעם צוגעצויגן געוואָרן דאָרטן צו דער פאַרזאָרגונג פון די ייִדישע שולן די שטאָט-פאַרוואַלטונג, ווען די דייטשן האָבן ביים אָפּטרעטן איבערגעלאָזן די געלט-מיטלען), — האָט די אָקופּאַציע-מאַכט אין ווילנע לגמרי קיין מיטלען ניט איינגעטיילט פאַר די ייִדישע שולן. דערפאַר האָט דער שול-ראַט (אַ פערזאָן) ניט געזשאַלעוועט קיין צירקולאַרן, וואָס דורך זיי האָט ער פריי עקספּערימענטירט איבער דעם „שול-וועזן אין אָבער-אָסט״. העברעאיש—פאַרבאָטן; „רעליגיאָן״ — אָבליגאַטאָריש; רוסיש — פאַרבאָטן; דייטש — דווקא פון די ייִנגערע קלאַסן אָן; אַ מין צוואַנגס-זונטאָג-רו (ד. ה. זונטאָג זאָל מען לערנען נאָר „רעליגיאָן״, געזאַנג און גימנאַסטיק); פאַרענדיקן דעם שול-יאָר אין דערזעלבער צייט, ווי אין דייטשלאַנד און אַז. וו. — פון די אַלע עקספּערימענטן האָט די ייִנגלשול, וואָס איז ביים ייִדישן עולם געווען בכלל אַ נייס, שטאַרק געליטן, און ס׳איז ממש אַ וואונדער, וואָס דעם דייטשן סאַטראַפּ איז ניט געלונגען צו דערזאָרגאַניזירן זי אינגאַנצן אָדער אַראָפּפירן זי פון דעם וועג, אויף וועלכן זי האָט זיך געשטעלט פון אָנהייב אָן. מילא, צו ענטפערן אויף די פאַרשיידענע „זענדונגען״, ווי „שולהויזהאַלטספּלאַן״ און ד. גל. האָט זיך געפּאָדערט נאָר צייט. אָבער וואָס זאָל טאָן די ייִנגלשול, וואָס האָט אַזאַ גרויסע צאָל שעהן אויף העברעאיש און תנ״ך, מיטן פאַרבאָט פון העברעאיש? אָדער וואו טוט מען זיך אַהין מיט דער גרויסער צאָל שעהן אין וואָך בכלל, ווען אין דעם „שטונדן-פּלאַן״ טאָרן כמעט ניט פיגורירן קיין לימודים אום זונטאָג? און די איבעריקע „מצוות עשה״ און „לא תעשה״? בנוגע אייניקע פאָדערונגען האָט זיך די גאַנצע ווילנער לערערשאַפט געשטעלט פעסט אַנטקעגן. דאָך וואָלט געלוינט צ צוקוקן זיך צו אַן אָריגינאַל פון אַ רשימה פון די לימודים אין ייִנגלשול פאַר יענער צייט! לויט געוויסע סימנים אויף דער רשימה האָבן זיך די לערער געדאַרפט אָריענטירן אין פאַל פון אַ באַזוך „פון דעם דייטש״. באַזונדערס שווער האָט דער דייטש אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף דער ייִנגלשול בשעת דעם געוויסן אָנשטעל מיט דער מורא פאַר דער טיפוס-עפּידעמיע. פולקום גערעכט זיינען, פאַרשטייט זיך די דייטשן געווען, ווען זיי האָבן אָנגענומען פאַרשיידענע פאָרזיכטיקייטס-מיטלען, ווי די אָבליגאַטאָרישע באָד, אַלע טאָג זאָלן די שולן אָפּנעמען ידיעות וועגן די פאַלן פון קראַנק-ווערן און ד. גל. — אָבער בשעת מ׳לייגט אַריין די טומאה אין דער יראה און מ׳מאַכט זיך, אַז מ׳נעמט אָן די צאָל קראַנק-געוואָרענע אויף דער אָ־ער יענער גאַס ניט פּראָפּאָרציאָנעל, נייערט אַבסאָלוט, האָבן שוין די לערער געמוזט איינזען אין דעם ניט נאָר דעם דייטשן פּעדאַנטיזם, נאָר אַ קאַמף מיט די נאַציאָנאַלע שולן, אַ קאַמף, וואָס איז גאַנץ ווייניק פאַרשטעלט געווען. גראָד דאַרף ביי די דייטשן הייסן גאַנץ ליפּובקע — „אָסטראָבראַמאַ שטראַסע״, און,





היות אויף ליפּובקע וואוינען פיל פּורמאַנעס, ביי וועלכע עס זיינען באמת געווען אַ פולע פאַלן פון טיפוס-קראַנקע, האָבן די דייטשן פאַררעכנט אָסטראָבראַם-גאַס פאַר געפערלעכער ווי, למשל, קליין-סטעפּן-גאַס, — און די ייִנגל-שול איז חדשים-לאַנג געשטאַנען פאַרמאַכט. מ׳האָט געלערנט געהיים אין פּריוואַטע וואוינונגען און שפּעטער אין קיך אויף קאָנע; דער פאַרוואַלטער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שומר אויף דעם טראָטואַר ביי דער קיך. קומט דער שליח פון ה׳ טע-גודע (שול-ראַט) ה׳ פוקס (אַ פאַסנדיקע פאַמיליע!) — לערנט מען ניט, נאָר מען עסט! אָט אַזוי האָט מען זיך געפּלאָגט אין יענע טרויעריקע, אָבער היסטאָרישע יאָרן!

אין דיזעלבע יאָרן פון חבלי לדה און יסורים אין געראַנגל פאַרן קיום, האָט די שול דאָך איר וועג ווייטער דורכגעלייגט. דאָס פּראָגראַם און לערן-פּלאַן ווערן אַלץ מער אויסגעבעסערט; ס׳ווערן ניט פאַרזעען די נייטיקע און מעגלעכע קרובן, וואָס עס רעקאָמענדירט די נייע פּעדאַגאָגיק. אַ ריי געזעלשאַפטלעכע טוער באַזוכן די שול, הויפּטזעכלעך בשעת די פאָלקסטימלעכע שול-יום-טובים (חמשה-עשר בשבט, חנוכה, פּורים) און בלייבן העכסט צופרידן. אויך כמעט אַלע וויכטיקערע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן פאַר דער צייט באַזוכט ווילנע, זיינען בייגעווען אויף לעקציעס אין ייִנגלשול מפיצי-השכלה, און האָבן אַרויסגעטראָגן די גרעסטע פאַרוואונדערונג פאַר דעם אויפטו פון ירושלים דליטא. כאַראַקטעריסטיש איז די מיינונג פון ד״ר האַנטקע: „מיט אַזאַ ייִדישיסטישער שול מוזן צופרידן זיין אפילו די ציונים״.

נאָכדעם ווי די פאַרוואַלטונג פון שול האָט אַ ביסל פרייער אָפּגעעטעמט פון די אומענדלעכע אונטערנעמונגען און געצוואונגענע בעלער, האָט זיך אין דער צייט פון דער ערשטער ראַטנמאַכט אין ווילנע געשאַפן פאַר דער ייִנגלשול די מעגלעכקייט מער אָפּצוגעבן זיך מיט די אינטערעסן פון די קינדער גופא, און אין דער ערשטער ריי—מיט די אינטערעסן פון די עלטערע תלמידים. עס ווערט געשאַפן ביי דער שול דער ערשטער ייִדישער קינדער-קלוב אין ווילנע. ממש אַ שטראָם תּון זעלבסטעטיקייט און לוסטיק-ערנסטער אַרבעט האָט זיך אַריינגעגאָסן אין לעבן פון די תלמידים! פאַר די עטלעכע יאָר, וואָס די קינדער האָבן שוין פאַרבראַכט אין שול, האָבן זיי זיך גוט אַנטוויקלט, און די אַרבעט, וואָס איז זיי פאָרגעשטאַנען דורכצופירן זעלבשטענדיק, האָט זיי באַגייסטערט. די הכנות ווערן דורכגעפירט וואונדערלעך-שנעל. באַלד איז שוין פאַרטיק דער סטאַטוט און ס׳ווערן אָנגעמערקט די הויפּט-צילן:

1) געבן די מיטגלידער פון קלוב אַ מעגלעכקייט צו פאַרברענגען די פרייע צייט אַלע צוזאַמען בחברותא אין כלערליי נוצלעכע באַשעפטיקונגען.
2) צוגעוויינען זיך צו אַ זעלבשטענדיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן.
3) קומען מיט חברשער הילף די חברים, וואָס זיינען אָפּגעשטאַנען אין ידיעות אָדער אַנטוויקלונג.
4) אַנטוויקלען ביי די חברים די גוטע פעאיקייטן, וואָס ווייזן זיך ווייניק אַרויס אין שול.
5) צוגעוויינען די מיטגלידער צו פּראָדוקטיווער פיזישער אַרבעט און אַרויסרופן אַכטונג צו יעדער, אפילו שוואַרצער אַרבעט.

## אָרגאַניזאַציע.

1) בראש פון קלוב שטייט אַ פּרעזידיום פון 3 מיטגלידער: פאָרזיצער, סעקרעטאַר און נאמן. דעם פּרעזידיום קלייבט מען אויס אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון אַלע קלוב-מיטגלידער.
2) בראש פון יעדער סעקציע ביים קלוב שטייט אַ קאָמיסיע פון 3 מיטגלידער, וואָס ווערן געקליבן אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער באַטרעפנדיקער סעקציע.
3) די פאַרוואַלטערס פון די סעקציעס, צוזאַמען מיטן פּרעזידיום פון קלוב, בילדן דעם קאָמיטעט פון קלוב.
4) דער פּרעזידיום גיט אָפּ אַ באַריכט פאַר דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג.
5) דער סעקרעטאַר פון פּרעזידיום פירט דעם פּראָטאָקאָל-בוך פון קלוב, די רעגיסטראַציע פון מיטגלידער און אַנד.

## די סעקציעס.

1) ביבליאָטעק-סעקציע. — פאַרוואַלט מיט דער ביבליאָטעק (2755 רוסישע ביכער, 815 ייִדישע, 340 העברעאישע און 270 לערן-ביכער), זאָרגט וועגן איר פאַרגרעסערונג, פירט אָן מיטן לייען-זאַל, רעקאָמענדירט די ה״ח ביכער צום לייענען, פירט אַ רעגיסטראַציע פון די לעזער און ביכער, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן; אַרבעט אויס די נייטיקע דיאַגראַמען און אַז. וו. די אַרבעט ווערט בכלל געפירט לויטן מוסטער פון גוט-איינגעאָרדנטע ביבליאָטעקן.

2) ליטעראַרישע סעקציע. — גיט אַרויס אַ קינדער-זשורנאַל (אַ באַזונדערע רעדאַקטיר-קאָמיסיע); ביז איצט זיינען אַרויס דריי №№ „שפּראָצנדיקע בוימעלאַך״. די №№ 4 און 5 הייסן „יונגע קנאָספּן״. עס זיינען דאָ גוטע צייכענונגען (אין שול לערנט צייכענען אַ פאַכמאַן — א. צאַסטראָוו). שפּעטער ערשיינען צוויי זאַמלהעפטן „פאַקלען״. פינף נומערן פון קלוב-צייטונג „אונזער וועלטל״. אין אייניקע פון די זשורנאַלן איז דאָ אַ העברעאישע אָפּטיילונג. אויסער די זשורנאַלן זיינען אַרויס: א) אַ העפט לידער

פון ח. בעני (חיים בעזפּראָזוואַני); ב) עטלעכע נומערן פון אַ בלעטל „אונזער חינקל"— פון ח. בעני; ג) לידער פון ל. סטאָצקי; ד) באַלאַדע פון ל. סטאָצקי „שולמית"; ה) ע. מאַרגאָלין האָט מיט דער הילף פון נאָך חברים פון דער פאָלקלאָר-אָפּטיילונג צונויפגעקליבן אַ רייכן מאַטעריאַל—270 פאָלקס-שאַפונגען (פאָלקס-לידער 66; מעשיות 2; שפּילן 13; גלייכווערטלעך 14; רעטענישן 17; פאָלקס-סימנים 14; פאַרגלייכונגען 54; פאָלקס-שבועות 15 און אַנד.) — דער גאַנצער מאַטעריאַל איז איבערגעגעבן געוואָרן דער היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אין ווילנע. די שכנות פון קלוב האָט געהאַט אַ גוואַלטיקע השפּעה אויף די יינגערע חברים. דער 3-טער קלאַס גיט אַרויס „ראָזינקע בוימעלאַך"; דער 4-טער קלאַס „יונגינקע גרעזעלאַך"; דער 5-טער קלאַס — „מאָרגנשטערן"; דער 6-טער קלאַס „בלומען" (אַרויס זעקס נומערן — ל"ע זייער שיין). אויך עטלעכע נומערן „אונזער וואָך" און „שול-וואָך".—די ליטעראַרישע סעקציע לאַדט אויך איין אין קלוב לעקטאָרן און פירט זעלבשטענדיק דורך לעקציעס און פאָרלעזונגען פאַר די ח"ח.

3) דראַמאַטישע סעקציע—פירט דורך צוזאַמען מיט דער געזאַנג-סעקציע די לוסטיקע הפסקות אין דער קלוב-אַרבעט; אָרדנט איין פאָרשטעלונגען אויף די קלוב-אָוונטן און אויך אויף עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען. די קינדער פירן דורך אינסצענירונגען. אויף דער שול-וואָך האָט די סעקציע דורכגעפירט די אינסצענירונג פון שלום-עליכמס דערציילונג „חנוכה-געלט"; אָדער, למשל, דער שיינער „שילער-יום-טוב" מיט דער אינסצענירונג פון שלום-עליכמס „צווי טויטע".

4) געזאַנג-סעקציע—שטעלט צונויף דעם כאָר פון קלוב און פירט מיט אים אָן (דיריזשירט אַ מיטגליד פון קלוב); באַזאָרגט די נייטיקע לידער, נאָטן; אייניקע מיטגלידער אַראַנזשירן אַליין לידער, למשל, דעם הימן פון 1-טן יידישן קינדער-קלוב („מיר זיינען נאָך יונג, פריש און מונטער..."— ווערטער און מוזיק פון ח. בעני). צוזאַמען מיט דער דראַמאַטישער סעקציע נעמט זי אָנטייל אין די לוסטיקע הפסקות אין קלוב און אין די קלוב-אָוונטן.

5) האַנטאַרבעט-סעקציע — האָט אָנגעהויבן עקסיסטירן אונטער דער אָנפירונג פון פרוי ד"ר אייזנשטאַט. די סעקציע באַשטייט פון עטלעכע אָפּטיילונגען: אויסנייען און שטריקן, צייכענען און קלעפּן, אויסאַרבעטן לערן-מכשירים און אַנד. אויף דער שול-וואָך איז די סעקציע געווען פאָרגעשטעלט זעלבשטענדיק פון שול און פון קלוב.

6) סעקציע אויף צו פאַרפאַרטיקן די שול-לעקציעס—זאָרגט אַז די אַרבעט ביים מאַכן די לעקציעס זאָל ניט געשטערט ווערן; בילדעט גרופּעס אויף פאַרשיידענע לימודים, העלפט די אָפּגעשטאַנענע ח"ח א. אַ. וו.

7) היגיענע-סעקציע—פירט דורך פיזישע איבונגען מיט די ח"ח, זאָרגט וועגן דער ריינלעכקייט אין קלוב בכלל און פון די איינצלנע חברים בפרט; פירט דורך שפּאַצירגענג פאַר אַלע קלוב-מיטגלידער; אַרבעט אויס היגיענע-תקנות (זע „מיין טאָגבוך" פון י. גורעוויטש—פאַרלאַג „אוניווערס"—ווילנע); זאָרגט, אַז די מיטגלידער זאָלן אָפּהיטן די תקנות, לאָזט אַרויס פּאַסיקע דעוויזן און אַז. וו.

8) סעקציע פאַר נאַטורוויסנשאַפט — קלייבט אָפּ אין קלוב-ביבליאָטעק און רעקאָמענדירט ספּעציעלע ליטעראַטור; פירט דורך שמועסן וועגן נאַטור, זאַמלט קאָלעקציעס אויף מינעראַלאָגיע, באָטאַניק און אַנד. (רייכע זאַמלונגען אין אַרכיוו פון קלוב); שטעלט צונויף פאַרשיידענע אָריגינעלע און פאַריידישטע טאַבעלעס (באַפּוצט די ווענט פון שול).

די אַרבעט אין פאַרשיידענע סעקציעס און איבערהויפּט דער כאַראַקטער פון זעלבשטענדיקייט ביי דער אַרבעט האָט אויסערגעוויינלעך גוט געווירקט אויף די קינדער. די תלמידים האָבן אָנגעהויבן דורכצופירן אין שול און איבערהויפּט אין קלוב אַ סך פון דער אַרבעט, וואָס פלעגט פריער געטאָן ווערן דורכאויס דורך געדונגענע מענטשן: דורכפירן און פאַרריכטן די עלעקטרישע באַלייכטונג, שלאָסעריי, פאָטאָגראַפישע אַרבעט, הייצן די אויוונס אין קלוב, וואַשן און קערן די דיל, זעגן האָלץ און אַז. וו. גאָר אַנדערש איז אַוועק די געוויינלעכע אַרבעט אין שול: קלעפּן פון ליים, אויסזעגן פון האָלץ, פאַרפאַרטיקן פאַר דער שול די גרויסע צאָל פאַרשיידענע קאָנספּעקטן (צוליב מאַנגל איז לערנביכער) אויף יידישע און אַלג. געשיכטע, געאָגראַפיע, נאַטורוויסנשאַפט, מאַטעמאַטיק און אַנד. (צו איין עקז. פון אַלע קאָנספּעקטן איז דאָ אין אַרכיוו פון דער היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט).

די גרויזאַמע אַפּריל-טעג אין ווילנע האָבן פון אַלץ געמאַכט אַ תל, און ערשט סוף יוני האָבן די קינדער ווידער באַנייט די אַרבעט. אין משך פון די זומער-וואַקאַציעס הייבט מען אָן צונעמען אין קלוב אויך זייטיקע קינדער, אפילו חברטעס. אין קלוב ווערט געפירט אַ גענויע סטאַטיסטיק פון באַזוכן דעם קלוב און די סעקציעס.

דורכשניטלעך ווערט דער קלוב באַזוכט פון 33% מיטגלידער (25% חברים+8% חברטעס)

| | | |
|---|---|---|
| געזאַנג-סעקציע | — 45% חברים | + 55% חברטעס. |
| צייכענען | — 92% „ | + 8% „ |
| האַנטאַרבעט | — 36% „ | + 64% „ |
| היגיענע-סעקציע | — 77% „ | + 23% „ |
| ליטעראַרישע | — 70% „ | + 30% „ |
| דראַמאַטישע | — 70% „ | + 30% „ |
| מאַכן די לעקציעס | — 90% „ | + 10% „ |

אויסער די זעלבשטענדיקע פאָרטראָגן, וואָס די ליטעראַרישע סעקציע פירט דורך (יעדער מיטגליד באַקומט אַ טעמע, וואָס ער מוז באַאַרבעטן צום באַשטימטן טערמין), לאַדן די קינדער איין, איבערהויפּט אויף שבתים און יום-טובים, דערוואַקסענע לעקטאָרן. אַזוי, למשל, זיינען געווען לעקציעס: פון ד"ר ל. חייט — „אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן און דער שילער"; ש. ידידאָוויטש—„די געשיכטע פון אלף-בית"; י. זאַוועלס—„די חושים פון פלאַנצונגען"; ז. רייזען — „די שפּראַכן פון דער וועלט"; ד"ר ב. אייזנשטאַט — „די אויפגאַבן פון אַ קינדער-קלוב"; מ. לוריע — „די פאַרקערפּערונג פון יידישן גייסט אין שלום-עליכמס ווערק"; ד"ר ב. אייזנשטאַט—„די נאַטור און דער ייד"; י. גאָרדאָן — „די נייע העברעאישע ליטעראַטור" (אַ ריי לעקציעס); ה' ענגלשטערן — „די פיזישע ערציאונג אין שטוב און אין שול"; ד"ר ב. אייזנשטאַט און ד"ר ל. חייט (פאַר די עלטערע מיטגלידער)—„געשלעכטס-פראַגן".

ביי היינטיקן טאָג איז די צאָל מיטגלידער געוואָרן אַזוי גרויס, אַז די קינדער אַרבעטן אין לאָקאַל פון שול אין דריי קלובן—1-טער ק.-קלוב (7-טער און 8-טער קל.); קלוב אויפן נאָמען פון י. דינעזאָן (5-טער און 6-טער קל.) און קלוב אויפן נאָמען פון ש. אַש (4-טער א' און 4-טער ב').

די נעענטערע באַקאַנטשאַפט מיט דער יידישער ליטעראַטור האָט אַרויסגערופן ביי די עלטערע קינדער אַ שטרעבונג צוצובינדן זיך צום באַליבטן יידישן שרייבער. די שול אינגאַנצן איז געבליבן ביי איר נאָמען „מפיצי השכלה", און יעדער פון די עלטערע קלאַסן האָט באַשלאָסן אָנצורופן זיך מיטן נאָמען פון מער באַליבטן שרייבער. דער 8-טער קלאַס פון 1920—21 לערניאָר — „מענדעלע-קלאַס"; דער 8-טער קלאַס הייער — „פּרץ-קלאַס"; דער 7-טער—„דינעזאָן-קלאַס"; דער 6-טער—„א. רייזען-קלאַס"; דער 5-טער — „שלום-עליכם-קלאַס"; די 4-טע קלאַסן — „ש. אַש-קלאַסן".

אין דער צייט פון דער ערשטער ראַטנמאַכט (מלוכה-אויסהאַלטונג), פון דער ערשטער פּוילישער הערשאַפט און פון דער קורצער ליטווישער הערשאַפט, ווען מיט די שולן האָט אָנגעפירט די יידישע קהילה, זיינען די שולן געווען אין מאַטעריעלן זין באַזאָרגט לערך ניט שלעכט. די קהילה פלעגט באַקומען אַ באַדייטנדיקע שטיצע, איבערהויפּט פון אַמעריקע, און פלעגט אָפּגעבן אַ גרויסן טייל פון איר ביודזשעט אויף בילדונגס-צוועקן. אין די אינווייניקסטע ענינים פון יינגל-שול האָט זיך קיינער מן הצד כמעט ניט געמישט. די ראַטנמאַכט האָט פיל גערעדט וועגן רעפאָרמען, אָבער דער שטאָטישער קאָמיסאַריאַט האָט פאַקטיש געפאָלגט די אָנווייזונגען פון דער לערער-קאָלעגיע, וואָס האָט באַשלאָסן בנוגע דער דורכפירונג פון שול-רעפאָרמען צו האַנדלען ביסלעכווייז און בהדרגה.

ווען דער צענטראַלער קאָמיסאַריאַט פאַר בילדונגס-ענינים האָט אָנגעהויבן דעם ענערגישן קאַמף פאַר באַזייטיקן פון די שולן די רעליגיע (רעוויזיע פון אַלע שולן אין משך פון איין טאָג) און דורכגעפירט ביד חזקה זיין ווילן (למשל, אין די פּוילישע שולן), האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויך אויף די העברעאישע לימודים אין אונזערע שולן. תנ"ך ווערט אָנערקענט אַלס קאָנפעסיע, העברעאיש—ערלויבט, אָבער פון 4-טן קלאַס אָן [אין געגנוואַרט פון בילדונגס-קאָמיסאַר (אַ פּאָליאַק) איז פאָרגעקומען אַ דיספּוט צווישן דעם געהילף (אַ ליטווין) און צוויי יידן-עקספּערטן (טאָמסינסקי און דימענטמאַן) פון איין זייט און צוויי פאָרשטייער פון יידישן לערער-פאַראיין פון דער אַנדער זייט].

די יינגל-שול איז דאָך געבליבן ביי אַלע אירע שעהן אויף העברעאיש און תנ"ך. געהאַלט פאַר די שעהן תּון העברעאיש אין 2-טן און 3-טן קלאַס און פאַר תנ"ך פון 3-טן קלאַס אָן האָט אַרויסגעצאָלט דער קאָמיטעט „מפיצי השכלה" פון רעשט מיטלען, וואָס ער האָט נאָך פאַרמאָגט.

די בילדונגס-אָפּטיילונג פון ווילנער קהילה האָט שפּעטער, פאַרקערט, געזוכט צו צווינגען די שולן, אַז די צאָל שעהן אויף העברעאיש זאָל פאַרגרעסערט ווערן, די יינגל-שול האָט אָבער קיין דרוק מצד דער קהילה ניט געפילט.

פאַרשטייט זיך, אַז די אָפטע שינויים פון דער מאַכט אין ווילנע מיט די קרענקלעכע איבערקערעניש, ביי דער מורא פון די יידן אַרויסצוגיין אויפן גאַס און אַז. וו., האָבן ניט געקענט ניט ווירקן שלעכט אויפן לעבן פון שול. אַזוי, למשל, איז אַוועק כמעט 10 חדשים, נאָך די שרעקלעכע אַפּריל-טעג אין ווילנע, ווען דער פּ. ר. פירט ניט דורך קיין איין זיצונג פון אַ וועלכער ניט איז געגנשטאַנד-קאָמיסיע. דער ראַט באַגנוגנט זיך מיטן באַטראַכטן די לויפנדיקע פראַגן.

אויב מ'זאָל ניט רעכענען די שינויים אין לערנען די אָדער יענע פרעמדשפּראַך אין שול [אין דער צייט פון די דייטשן — רוסיש (די ערשטע צייט, אַזוי צו זאָגן, „פאַקולטאַטיוו", שפּעטער געהיים, — אויס פּעדאַגאָגיש

פעמים ניט איבערצורייסן אַ לימוד) און דייטש (פּ אַ ק ט י ש פון III קלאַס אָן); אין דער צייט פון ר אַ ט נ מ אַ כ ט — נאָר רוסיש (מער שעהן); ערשטע פּ ו י ל י ש ע הערשאַפט — רוסיש און פּויליש (לערך גלייכמעסיק; רוסיש — אין עלטערע קלאַסן); שפּעטער — נאָר רוסיש; נאָך שפּעטער פּויליש; רוסיש — נאָר אין די לעצטע צוויי קלאַסן], אויב מ'זאָל אַלזאָ ניט רעכענען אָט די שינויים און אויך אַ ריי קלענערע, וואָס זיינען הויפּטזעכלעך געווען פאַרבונדן מיט די ענדערונגען אין דער צאָל קלאַסן אָדער אין באַשטאַנד פון לערער-פּערסאָנאַל און אַנד, — איז אין דער יינגל-שול „מפיצי-השכלה", אין משך פון דער גאַנצער צייט — פון די גרויסע שינויים אין לימוד פון העברעאיש און תנ"ך אָן ביזן אָנהייב פון 1921 — 1922 לערן-יאָר — גילטיק געבליבן איין און דערזעלביקער

# לערן-פּלאַן.

| № № | לימודים | I | II | III | IV | V | VI | VII | VIII | ס"ה |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | יידיש — — — — — | 10 | 8 | 8 | 6 | 5 | 5 | 4 | 3 | 49 |
| 2 | העברעאיש — — — — | — | 6 | 5 | 5 | 4 | 4 | 4 | 3 | 31 |
| 3 | אגדה — — — — — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 |
| 4 | תנ"ך — — — — — | — | — | 5 | 5 | 4 | 3 | 3 | 3 | 23 |
| 5 | רוסיש — — — — — | — | — | — | 5 | 5 | 4 | 4 | 4 | 22 |
| 6 | אַריטמעטיק — — — | 5 | 6 | 6 | 6 | 5 | 3 | — | — | 31 |
| 7 | געאָמעטריע — — — | — | — | — | — | 2 | 2 | 3 | — | 7 |
| 8 | אַלגעברע — — — — | — | — | — | — | — | 1 | 3 | 3 | 7 |
| 9 | געשיכטע (אַלג.) — — | — | — | — | — | 2 | 2 | 2 | 3 | 9 |
| 10 | קולטור-געש. — — — | — | — | 2 | 1 | — | — | — | — | 3 |
| 11 | יידישע געשיכטע — — | — | — | — | 2 | 2 | 3 | 3 | 2 | 12 |
| 12 | מעשהלעך פון חומש — | 2 | 2 | — | — | — | — | — | — | 4 |
| 13 | געאָגראַפיע — — — | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | — | 10 |
| 14 | קאָסמאָגראַפיע — — — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 |
| 15 | נאַטורוויסנשאַפט — — | — | — | 3 | 3 | 3 | 2 | 2 | — | 13 |
| 16 | ביאָלאָגיע — — — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 |
| 17 | כעמיע — — — — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 |
| 18 | פיזיק — — — — | — | — | — | — | — | 2 | 2 | 2 | 6 |
| 19 | פּאָל. עקאָנאָמיע — — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 |
| 20 | גימנאַסטיק — — — | — | — | 3 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 13 |
| 21 | קלאַסן-געזאַנג — — | — | — | 1 | 1 | 1 | 1 | — | — | 4 |
| 22 | סאָלפּעדזשיאָ — — — | — | — | — | — | 1 | 1 | 2 | 2 | 6 |
| 23 | מאָלן (קלעפּן) — — — | — | — | 4 | 4 | 3 | 2 | 2 | 1 | 16 |
| 24 | צייכענען — — — — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 |
| 25 | קונסט-געשיכטע — — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 |
| 26 | האַנט-אַרבעט — — — | 4 | 4 | — | — | — | — | — | — | 8 |
| 27 | שפּילן מיט געזאַנג — | 3 | 3 | — | — | — | — | — | — | 6 |
| | סך-הכל | 24 | 29 | 39 | 42 | 41 | 39 | 33 | 38 | 290 |

ביים פאַרגלייכן אָט דעם לערן-פּלאַן מיטן ערשטן פּראָיעקט פון קאָמיטעט מ"ה זעט מען, אַז ניט נאָר די צאָל שעהן אויף העברעאיש און תנ"ך איז געענדערט געוואָרן (40—55), אַזוי איז אויך פאַרגרעסערט געוואָרן דער ס"ה פון שעהן אויף יידיש (37—49), וואָס האָט אגב אויך אַריבערגעשטיגן דעם מאַקסימום. אַריטמעטיק 25—31; זאָל מען נאָך נעמען דעם ס"ה שעהן אויף מאַטעמאַטיק (32—45), איז די פאַרגרעסערונג אַ קאָלאָסאַלע, און האָט געוויס איבערגעשטיגן די נאָרמע. דער פּעדאַגאָגישער ראַט האָט געקוקט אויף די פאַרגרעסערונג, ווי אויף אַ ציימווייליקן מיטל. גאַנץ נאָרמאַל איז די פאַרגרעסערונג פון נאַטורוויסנשאַפט-לימוד (12—17), אויך אויף מאָלן (קלעפּן) און צייכענען (9—18). צוליב די אַלע פאַרגרעסערונגען איז סוף-כל-סוף אויסגעקומען אין אַ ריי קלאַסן אַן אומנאָרמאַלער סך-הכל פון דער צאָל וועכנטלעכע שעהן. ערשט אין אָנהייב פון 1921—22 לערן-יאָר האָט דער פּעדאַגאָגישער ראַט געפונען פאַר מעגלעך צו נאָרמאַליזירן אינגאַנצן דעם לערן-פּלאַן, נעמענדיק אין אַכט, אַז די שול האָט זיך איינגעפעסטיקט, דורכגעפירט דעם ערשטן אַרויסלאָז, זי האָט שוין אין אַלע קלאַסן, אפילו אין די עלטסטע, אַ גרויסע צאָל תלמידים און דערצו אַזעלכע, וואָס די שול האָט אַליין אויסגעהאָדעוועט פון די ייִנגערע קלאַסן אָן און אַז. וו.

## לערן-פּלאַן פון דער יינגל-שול „מפיצי-השכלה" אין 1921—1922 לערן-יאָר.

| № № | לימודים | I | II | III | IV א | IV ב | V | VI | VII | VIII | ס"ה |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | יידיש — — — — — | 6 | 6 | 6 | 5 | 5 | 5 | 4 | 3 | 3 | 43 |
| 2 | געשפּרעכן — — — | 4 | 2 | — | — | — | — | — | — | — | 6 |
| 3 | העברעאיש — — — | — | 6 | 4 | 4 | 4 | 4 | 3 | 3 | 3 | 31 |
| 4 | אגדה — — — — — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 |
| 5 | תנך — — — — — | — | — | 4 | 4 | 4 | 3 | 3 | 3 | 2 | 23 |
| 6 | אַריטמעטיק — — — | 5 | 6 | 6 | 6 | 6 | 4 | 3 | — | — | 36 |
| 7 | קולטור-געשיכטע — — | — | — | 2 | — | — | — | — | — | — | 2 |
| 8 | מעשהלעך פון חומש — | 2 | 2 | — | — | — | — | — | — | — | 4 |
| 9 | יידישע געשיכטע — — | — | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 12 |
| 10 | אַלגעמיינע געשיכטע — | — | — | — | — | — | 1 | 2 | 2 | 2 | 7 |
| 11 | געאָגראַפיע — — — | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | — | 12 |
| 12 | קאָסמאָגראַפיע — — — | — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 |
| 13 | נאַטורוויסנשאַפט — — | — | — | 3 | 3 | 3 | 3 | 2 | 2 | — | 16 |
| 14 | ביאָלאָגיע — — — — | — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 |
| 15 | כעמיע — — — — | — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 |
| 16 | פיזיק — — — — — | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 | 2 | 6 |
| 17 | געאָמעטריע — — — | — | — | — | — | — | 2 | 2 | 3 | — | 7 |
| 18 | אַלגעברע — — — — | — | — | — | — | — | — | 1 | 2 | 3 | 6 |
| 19 | פּאָליטישע עקאָנאָמיע — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 |
| 20 | פּויליש — — — — | — | — | — | 4 | 4 | 4 | 4 | 3 | — | 19 |
| 21 | רוסיש — — — — | — | — | — | — | — | — | — | 3 | 4 | 7 |
| 22 | צייכענען — — — — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 |
| 23 | מאָלן — — — — — | — | — | 4 | 3 | 3 | 3 | 2 | 2 | 1 | 18 |
| 24 | קונסט-געשיכטע — — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 |
| 25 | געזאַנג (קל.) — — — | — | — | 1 | 1 | 1 | 1 | 1 | 1 | 1 | 7 |
| 26 | סאָלפּעדזשיאָ — — — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 | 1 | 3 |
| 27 | גימנאַסטיק — — — | — | — | 3 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 15 |
| 28 | האַנטאַרבעט — — — | 4 | 4 | — | — | — | — | — | — | — | 8 |
| 29 | שפּילן-און-געזאַנג — — | 3 | 3 | — | — | — | — | — | — | — | 6 |
| | סך-הכל | 24 | 29 | 35 | 36 | 36 | 36 | 36 | 36 | 36 | 304 |
| | כאָר-געזאַנג | | | | | | | | | | 2 |
| | | | | | | | | | | | 306 |

י י ד י ש איז די הויפּט-שפּראַך אין שול. אויסער העברעאיש, תנ"ך און די פרעמדע שפּראַכן, ווערן אַלע לימודים געפירט אין יידיש. אין I און II קלאַסן ווערט אַ גרויסער טייל פון די שעהן אויף יידיש אָפּגעגעבן אויף נאַטורוויסנשאַפטלעכע און אַנדערע געשפּרעכן, אויף עקסקורסיעס, ריינלעכקייט און ד. גל. אין די מיטעלע קלאַסן איז יידיש דער לימוד, וואָס זאָרגט וועגן דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג פון די קינדער, וואָס דאַרף אויסאַרבעטן דעם פּראָצעס פון לאָגישן דענקען און אויסדריקן ריכטיק די געדאַנקען, — דער לימוד, וואָס דאַרף אין אַלגעמיין פאַרפיינערן די שפּראַך פון קינד, וואָס שאַפט דעם נייטיקן קאָנטאַקט צווישן אַלע לימודים אין שול.

א י ן I ק ל אַ ס — „יודיש" פון בירנבוים און גוטמאַן. דאָס בוך האָט ווייניק מאַטעריאַל, ס'ווערט צוגעגעבן מאַטעריאַל פון „גרינינקע ביימעלאַך" און אַנד. יידיש איז אין I קלאַס דער צענטער, וואָס אַרום אים קאָנצענטרירט זיך די גאַנצע אַרבעט אין קלאַס. שוין אָפּגערעדט פון געשפּרעכן, מעשהלעך, דערציילונגען פון חומש, עקסקורסיעס, שפּאַצירגענג, האַנטאַרבעט, וואָס אילוסטרירט אייגנטלעך די דערציילונגען, אויך שפּילן-און-געזאַנג, ווערט אין I קלאַס אפילו חשבון ענג פאַרבונדן מיט יידיש, למשל, פון אַ געוויסער דערציילונג ווערן אַרויסגעדרונגען טעלעכע אויפגאַבן.

א י ן II ק ל אַ ס. שוין אין אָנהייב לערן-יאָר, ביים אַריבערגיין פון I קלאַס, באַהערשן די קינדער אויף אַזויפיל דעם מעכאַניזם פון לייענען און זיינען אין אַזאַ מאָס אַנטוויקלט, אַז מ'קען תיכף צוטרעטן צו לייענען מיט זיי דערציילונגען פון אַ לייכטערן אינהאַלט. לערנבוך — „דער שול-חבר", טיילוויז ווערט דער מאַטעריאַל דערפילט מיט דערציילונגען, איבערהויפּט מיט לידער, פון אַנדערע מקורים („גרינינקע ביימעלאַך" און אַנד.). — אין פאַרבינדונג מיט יידיש — אַ גרויסע צאָל עקסקורסיעס (דער שטאָטישער גאָרטן, אין נאָענטן וועלדל, אין פעלד, אין אַ סאָד, די נאָענטסטע פאַרשטעט און אַנד.). די געגנשטאַנדן, וואָס ווערן געבראַכט פון די עקסקורסיעס, דינען אַלס מאַטעריאַל פאַר מער אויספירלעכע געשפּרעכן. זייער אָפּט דינט זער געשכרעך אויך אַלס אַן אָנרעגונג צום לייענען דעם אַנטי-

שפּרעכנדיקן מאַטעריאַל פון לערן-בוך. די דערציילונגען און איינדרוקן ווערן אילוסטרירט דורך צייכענען, ליימען (אַרבעט מיט ליים), אויסשניידן און קלעפּן. אָפּט אויך פאַרקערט: פאַרשיידענע פרייע צייכענונגען און אַנדערע פרייע האַנטאַרבעט רעגן אָן צוצוטראַכטן צו זיי פּאַסיקע דערציילונגען. די שמועסן קאָנצענטרירן זיך הויפּטזעכלעך אַרום דער פאַמיליע און סביבה, באַשעפטיקונגען, פאַרשיידענע שפּילן, געאָגראַפישע פאָרשטעלונגען, פלאַנצונגען, בעלי חיים, קאָליר און פאָרם און אַנד. (זע „די נייע שול" נומער 6, 1921), ביים לייענען ווערט געזוכט די באַוואוסטזיניקייט און אויסדריקלעכקייט. שריפטלעכע אַרבעט.

אין III קלאַס — צוליב מאַנגל אין אַ צ׳געפּאַסטן לערנבוך — צייטווייליק „דאָס לעבעדיקע וואָרט"; עס ווערט גענומען דער מער לייכטערער מאַטעריאַל. — זעלבשטענדיק צוטראַכטן דערציילונגען לויט די טעמעס, וואָס ווערן באַהאַנדלט אין לערנבוך; פלאַן פון געלייענטן; געלויפיקער לייענען; אויסגעאַרבעטע האַנטשריפט; באַגריפן פון קולטור-געשיכטע.

אין IV קלאַס — „דאָס לעבעדיקע וואָרט", דער מאַטעריאַל ווערט קאָמבינירט הויפּטזעכלעך לויט דער אידעע („אַרבעט", „דאָס לייענען", „ליבע צו עלטערן" און אַנד.), פליסיקייט פון לייענען, דיקציע און לאָג׳שע באַטאָנונג. ס׳ווערט אָנגעפירט אויך מיטן אויסערשוליקן לייענען. שריפטלעכע אַרבעט. גראַמאַטיק - פּראַקטיש.

אין V קלאַס — „דאָס לעבעדיקע וואָרט" — הויפּט-אויפמערקזאַמקייט אויף פאָלגנדיקע טעמעס: א) דאָס קינד און די היים, ב) דינסט און מלחמה, ג) אַמעריקע, ד) אַרבעט און אַרבעטער — אויך מאַטעריאַל פון אַנד. מקורים. פרייע שאַפונג (צוזאַמען מיטן 6-טן קלאַס אַן אייגענער קינדער-זשורנאַל).

אין VI קלאַס — „דאָס יודישע וואָרט" 2 און 3 טייל, אויך גאַנצע ווערק. פרייער מייִנונגס-אויסטויש, אַלגעמיינער איבערבליק איבער אַלע ווערק פון באַטרעפנדיקן מחבר. צוגרייטונג צום קורס פון ליטעראַטור-וויסנשאַפט. שריפטלעכע אַרבעט — לויט אַ זעלבשטענדיק צונויפגעשטעלטן פּלאַן. פרייע שאַפונג. גראַמאַטיק — סיסטעמאַטיש.

אין VII קלאַס — קורס פון ליטעראַטור-וויסנשאַפט, אילוסטרירט דורך גאַנצע ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור. אַ ריי ווערק פון יידישע קלאַסיקער. זעלבשטענדיקע שריפטלעכע אַרבעט. עטימאָלאָגישער און סינטאַקטישער אַנאַליז. הפסקה-סמנים.

אין VIII קלאַס — פאַרטיפן די באַהאַוונטקייט פון די תלמידים אין דער יידישער ליטעראַטור; פרווּע אָריענטירונג אין דער ליטעראַטור-וויסנשאַפט; געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור. שריפטלעכע אַרבעט (למשל, „די פּערזענלעכקייט ביי פּרצן", „די עדה ביי מענדעלען"); אייגענע שאַפונג פון די תלמידים; שריפטלעכע אַרבעט אין פאַרבינדונג מיט געשיכטע און אַנד.

העברעאיש — הייבט מען אָן לערנען פון II-טן קלאַס (2-טער לערן-יאָר), און אַזוי אַרום פאַלט כמעט אינגאַנצן אָפּ פאַרן לערער פון העברעאיש אין דעם קלאַס די פראַגע וועגן פּראָצעס פון לייענען און שרייבן. דאָס לערנבוך „טל ילדות" איז ווייט ניט צוגעפּאַסט, מחמת ער איז אויסגערעכנט פאַר קינדער — מתחילים. אין משך פון ערשטן האַלב יאָר באַהערשן די קינדער אַ געוויסן לעקסיקאָן דורך לידער, דורך שפּילן און באַוועגונגען, וואָס ווערן באַגלייט אָדער מיט געזאַנג אָדער מיט קאָנווערזאַציע, און דורך געשפּרעכן לויט בילדער און געגנשטאַנדן. שריפטלעך — אָפּשרייבן פון בוך אָדער קורצע ענטפערן אויף געשטעלטע פראַגן.

אין III קלאַס — „ילדות". געשפּרעכן וועגן די צייטן פון יאָר, דאָס לעבן אין שול, אין משפחה. דקדוק — פּראַקטיש - נטית הפעלים והשמות. אין 3-טן קלאַס הייבט מען שוין אָן -חומש. ס׳ווערט דורכגעגאַנגען בראשית און שמות [מיט באַדייטנדיקע השמטות; געשיכטלעך זיינען די קינדער צוגעגרייט 1) דורך די מעשהלעך פון חומש, וואָס ווערן דורכגעגאַנגען אין ביידע יינגערע קלאַסן, און 2) דורכן פאַראַלעלן לערנען אין 3-טן קלאַס קולטור-געשיכטע].

אין IV קלאַס — דער גרעסטער טייל מאַטעריאַל פון „פּרקים ראשונים" 1-טער טייל. די קינדער לייענען זעלבשטענדיק קליינע העברעאישע ביכלעך (למשל, די אויסגאַבן פון „תרבות" — „הצפרדע", „הקוקיאה", „הנמלים" און אַנד.). שריפטלעכע אַרבעט — הויפּטזעכלעך אין פאַרבינדונג מיטן לערנבוך. דקדוק — פאַרטיפערן פּראַקטיש די אַרבעט, וואָס איז דורכגעפירט אין 3-טן קלאַס.

הנך — אַ קליינער טייל פון במדבר; יהושע, שופטים (ניט פאַרענדיקט).

אין V קלאַס — אַ טייל מאַטעריאַל פון „עברית" 3-טער טייל און אַ ריי מאַטעריאַלן פון אַנדערע מקורים, איבערהויפּט שירים, וואָס איז אין „עברית" קאַרג דאָ. שריפטלעך — אַ ריי אַרבעטן, צ. ב. די משלים פון יל״ג, שטיינבערג. דקדוק — סיסטעמאַטיש: חלקי הלשון, נטית השמות והפעלים (אויך חסרים) בקל. תרגילים. נ״ך — שמואל א׳, ב׳; מלכים (ניט פאַרענדיקט).

אין VI קלאַס — אויסגעשעפּט דעם מאַטעריאַל פון „עברית" 3-טער טייל און אַ ריי וויטיקער ליטעראַרישער מאַטעריאַל (שאַפונגען פון פרישמאַן, ביאַליק, טשערניכאָווסקי, פרץ). ערנסטערע שריפטלעכע אַרבעט. ווייטערדיקער קאָנצענטער פון דקדוק. נ״ך — ירמיה (ביז ל׳).

אין VII קלאַס — די לייכטערע מאַטעריאַלן פון „פרוזדור לספרות". זעלבשטענדיקע שריפטלעכע אַרבעט אויף אָנגעוויזענע טעמעס, ברייטערע ידיעות אין דקדוק. נ״ך — פאַרענדיקט ירמיה; ישעיה פון פרק מ׳ ביזן סוף; ישעיה (פון אָנהייב).

אין VIII קלאַס — אויסגעשעפּט דעם מאַטעריאַל פון „פרוזדור לספרות" נאָענטע באַקאַנטשאַפט מיטן גייסט פון העברעאישער ליטעראַטור. שריפטלעכע אַרבעטן, אויך פרייע שאַפונג. נ״ך — תרי עשר, עזרא ונחמיה, פרקי אבות — 5 פרקים.

מאָלן און צייכענען*).

אַלס אָנשויאונגס-לימוד, ווערט צייכענען און מאָלן געפירט אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע לימודים (אין די יינגערע קלאַסן — מיט אַלע לימודים, אין די עלטערע — מיט מאַטעמאַטיק, נאַטורוויסנשאַפט, געאָגראַפיע, קולטור-געשיכטע און אין אַ געוויסער מאָס, מיט ליטעראַטור.

אין 1-טן קלאַס — אַנטוויקלונג פון האַנט-געשיקטקייט. קלעפּן, מאָלן, מאָדעלירן פון פרייער פאַנטאַזיע. אילוסטראַטיווער צייכענען. אַלגעמיינער כאַראַקטער פון לימוד — צוגעפּאַסט צום יונגן עלטער פון די תלמידים.

אין 2-טן קלאַס — ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון האַנט-געשיקטקייט. מאָלן ניט אין פאַרבינדונג מיט אַרבעט.

אין 3-טן קלאַס — אַנטוויקלונג פון האַנטגעשיקטקייט געבונדן מיט צייכענען פון פרייער פאַנטאַזיע.

אין 4-טן קלאַס — צייכענען פון פאַנטאַזיע, שטרענג באַגרעניצט מיט כלאַכע פאָרמען. אַרבעט אויף אַהיים.

אין 5-טן קלאַס — דער איבערגאַנג פון פלאַכער פאָרם צום צייכענען פון רוים און פון דער נאַטור. פאַראַלעל מיט דעם — דאָס צייכענען פון אייגענער פאַנטאַזיע. שפּעטער — צייכענען פון אָרנאַמענטן.

אין 6-טן קלאַס — קומט צו דאָס געאָמעטרישע צייכענען, אַלס צוגרייטונג צו פאַראַלעל-פּראָיעקציע.

אין 7-טן און 8-טן קלאַס.

אין הסכם מיט די אַלגעמיינע צילן פון שול — געבן די תלמידים אַ פאַרקיילעכדיקטע בילדונג אין די ראַמען פון אַ פאָלקס-שול, וואָס גרייט זעלבשטענדיק צו דעם נאָרמאַלן פאָלקס-מענטשן צום לעבן און זוכט ניט צו ווערן אַ פרוזדור צו דער העכערער שטופע פון מיטל-שול, איז דאָס פּראָגראַם פון צייכענען פאַר די עלטערע צוויי קלאַסן פון שול באַגרעניצט ביז צום נייטיקסטן.

אין אייניקע הינזיכטן גייט דאָס פּראָגראַם ווייט אַריבער די גרעניצן פון די אַנטשפּרעכנדיקע קלאַסן פון דער מיטל-שול, אין אַנדערע הינזיכטן — איז דאָס פּראָגראַם פאַרקירצט**). אויסער דעם, וואָס דער קורס פון צייכענען און מאָלן באַפרידיקט אויך דאָ די נייטיקייט פון פאַרבינדן דעם לימוד מיט די איבעריקע לימודים, און אויסער דעם אַלגעמיינעם ציל — געבן די נייטיקע עסטעטישע אַנטוויקלונג, ווערט געשטרעבט, אַז דאָס צייכענען זאָל אין די קלאַסן דינען אַלס זיכערער פונדאַמענט און שטיצע פאַרן קינפטיקן אַרבעטער, בעל-מלאכה, טעכניקער, לערער און סתם בירגער. — קאָנסטרוקטיווע פּערספּעקטיוו, שאָטן-צייכענונג, אייניקע ספּעציעלע קורסן פון געאָמעטריע — ווער אין קורס פון לינעאַלן צייכענען דורכגעלאָזן. דאָסזעלבע בנוגע קונסט-געשיכטע. עס ווערן אַרומגערעדט נאָר די וויכטיקסטע עפּאָכן פון דער אַנטוויקלונג פון קונסט, און עס ווערן געצייכנט נאָר די וויכטיקסטע אַרכיטעקטאָרישע דענקמעלער. אויך דאָס אַלגעמיינע צייכענען (צייכענען „פון פרייער האַנט") ווערט באַשרענקט; זאַכן פון גרעסערן סטיל ווערן ניט גענומען. ביים צייכענען פיגורן ווערט די אַרבעט פונאַנדערגעטיילט — קאָפּ-מאָדעלן, הענט, פיס (פאַר באַזונדערס-פעאיקע ווערט געמאַכט אַ יוצא מן הכלל).

וואָס איז שייך דעם אונטערשייד אין קורס פון ביידע קלאַסן — ליגט אין 7-טן קלאַס דער שווערפּונקט אויף לינעאַלן צייכענען און קונסט-געשיכטע, און אין 8-טן אויף צייכענען און מאָלן.

י. גורעוויטש.

---

*) אויך אַלע איבעריקע לימודים ווערן דורכגעפירט אויפן יסוד פון די מאָדערנסטע פּרינציפּן פון פּעדאַגאָגיק; ווד. און אַלג. געשיכטע — פון אוראַלטער ביז דער נייסטער צייט.

**) אַזוי איז אויך בנוגע כמעט אַלע איבעריקע לימודים פון שול.

# די ערשטע יידישע רעאַל-גימנאַזיע אין ווילנע.

דער וואוקס פון דער יידישער שול אין ווילנע האָט אַרויסגערופן די נויטווענדיקייט אין אַ יידישער מיטלשול. די יידישע פאַרמעגלעכע שיכטן האָבן, ניט קוקנדיק אויף דעם גלענצנדן ערפאָלג פון דער נייער יידישער פאָלקסשול, דאָך ווייטער געגעבן זייערע קינדער אין די פריוואַטע „גרופעס“, וואו דער אונטערריכט איז געגאַנגען אויף רוסיש, הגם פאַרבאָטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע-מאַכט. וועגן דער פּעדאַגאָגישער זייט פון די דאָזיקע שול-קרעמלעך האָט דער יידישער בעל-הבית, בפרט די יידישע מאַדאַם, זיך קנאַפּ געזאָרגט: אַבי ניט יידיש! די יידישע כּרעסע האָט געפירט אַ האַרטן קאַמף קעגן די רעשטלעך פון דער רוסיפיקאַציע, אָבער דער דאָזיקער קאַמף האָט ניט געקענט ברענגען קיין ריעזולטאַטן, כּל-זמן ס'איז ניט געלייגט געוואָרן דער גרונד פאַר אַ יידישער מיטלשול.

דער ערשטער אויפגעהויבן די פראַגע וועגן אַ יידישער מיטלשול אין ווילנע האָט ז. רייזען, וועלכער האָט אַריינגעטראָגן אין דעם דעמאָלטיקן קאָמיטעט פון דער „חברה מפיצי השכּלה“ אַ פאָרשלאָג צו עפענען אַ יידישע גימנאַזיע. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיסיע, אין וועלכער עס זיינען אַריין ד״ר אל. אָלשוואַנגער, אברהם היילפערין און ז. רייזען. אַ גרויסן אינטערעס צו די אַרבעטן פון דער קאָמיסיע האָבן אויך אַרויסגעוויזן דער פאָרזיצער פון „מפיצי השכּלה“ ד״ר צ. כּאַבאַד און די דירעקטאָרין פון אַ מיידל-גימנאַזיע, אונטער דעם צאַריזם נאָך, סאָפיע גורעוויטש. נאָך לאַנגע שקלא-וטריות איז געבליבן, אַז דער קאָמיטעט זאָל איבערנעמען די בעסטע פריוואַטע מיטלשול אין שטאָט און איבערבויען זי אין אַ יידישער רעאַל-גימנאַזיע מיט דער יידישער אונטעררי‌כטשפּראַך.

די ערשטע צייט איז אין די עלטערע קלאַסן (5-טע) דער אונטעררי‌כט פון די אַלגעמיינע לימודים נאָך געגאַנגען אין רוס ש, ביז די רעאַל-גימנאַזיע איז סוף-כּל-סוף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דורך און דורך יידישער שול.

פאַר דער קורצער צייט פון איר עקסיסטענץ האָט די יידישע רעאַל-גימנאַזיע באַוויזן צו פאַרנעמען איינעם פון די בכבודיקסטע ערטער צווישן די קולטור-אַנשטאַלטן, מיט וועלכע ווילנע שטאָלצירט, באַוויזן צוצוציען די וואַרימסטע סימפּאַטיעס און דעם אויפריכטיקסטן צוטרוי ניט נאָר מצד די אָנהענגער פון אַ מאָדערנער וועלטלעכער שול, נאָר אַפילו ביי די קעגנער, וועלכע האָבן ניט איין מאָל געמוזט אָנערקענען אירע פּעדאַגאָגיש-ערציערישע מעלות און פּעולות און איר גרויסע באַדייטונג פאַר דער יידישער קולטור.

די גימנאַזיע איז אַ אַ אָרגאַנישער טייל פון דער גאַנצער נעץ יידישע שולן (פון צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט) און באַדינט ניט נאָר ווילנע, נאָר אויך די פּראָווינץ*). זי איז אין פולן זין פון וואָרט אַ פאָלקס-גימנאַזיע הן לויט דעם סאָציאַלן צוזאַמענשטעל פון די תּלמידים, הן לויט אירע פּרינציפּן און צילן זי איז די נאַטירלעכע פאָרזעצונג און אַנטוויקלונג פון דער וועלטלעכער פאָלקסשול, וועלכע וואָלט אַ סך פאַרלאָרן אין איר גאַנצקייט, פאָלקומקייט און פּערספּעקטיוו אָן דער רעאַל-גימנאַזיע,—איר העכערע שטופע. זי איז גלייכצייטיק דאָס ערשטע קאַמערל פון דער צוקינפטיקער הויכשול, וועלכע איז איצט אַקטועל און אומבאַזינגט נייטיק.

דעם אויסערלעכן וואוקס פון דער גימנאַזיע כאַראַקטעריזירן צום בעסטן זי פאָלגנדיקע ציפער: אין 1918 יאָר, ווען די גימנאַזיע האָט זיך געעפנט, האָט זי געהאַט 9 קלאַסן מיט לערך 300 קינדער; איצט (1922) האָט די גימנאַזיע 18 קלאַסן מיט איבער 700 קינדער: די יינגערע קלאַסן זיינען געמישטע, פאַר יינגלעך און מיידלעך צוזאַמען, ביז די גאַנצע גימנאַזיע וועט בהדרגה ווערן אַ געמישטע. כּמעט אַלע קלאַסן האָבן פּאַראַלעלע אָפּטיילונגען. אָבער נאָך אַ סך וויכטיקער ווי דער דאָזיקער אויסערלעכער וואוקס איז די אינערלעכע אַנטוויקלונג, וועלכע די רעאַל-גימנאַזיע האָט דורכגעמאַכט אין משך פון די פאַרגאַנגענע 3 יאָר.

פון אַ איבערזעצטער אויף יידיש אַמאָליקער גימנאַזיע, אָן אַן אייגענער פּראָגראַם, אָן אַ טראַדיציע, מיט אַ פאַרשיידנאַרטיקן קאָנטינגענט קינדער, וועלכע זיינען ניט געווען צוגעפּאַסט אין אַן איינהייטלעכן קאָלעקטיוו מיט אַ געמיינזאַמען אַקטיוון לעבן, האָט זיך די רעאַל-גימנאַזיע פאַרוואַנדלט אין אַ לערנאַנשטאַלט מיט אַן אייגענעם און, אין אַ סך הינזיכטן, אייגנאַרטיקן פּנים, מיט קלאָרע צילן, מיט אַ פעסטער און זיכערער פּערספּעקטיווע און מיט אַ פעסטן באָדן אין דער יידישער געזעלשאַפט. און ניט נאָר אַ גרויסע לערנאַנשטאַלט איז געוואָרן די גימנאַזיע: זי איז אויך געוואָרן אַ דערציאונגס-אַנשטאַלט, וועלכע שטרעבט, אויף וויפיל ס'איז נאָר מעגלעך, אַרומצונעמען מיט איר אָרגאַניזירטער השפּעה דעם גאַנצן גייסטיקן לעבן פון דעם קינדער-קאָלעקטיוו. צום באַדויערן, קען אָבער די אַרבעט אין גימנאַזיע אין דער ריכטונג פון איר ווייטערדיקער פאַרפולקומונג ניט געפירט ווערן אין אַזאַ מאַסשטאַב און מיט אַזאַ טעמפּ, ווי דאָס וואָלט געווען געוואונטשן דעם פּעדאַגאָגישן ראַט פון דער גימנאַזיע און דעם צ. ב. ק. דער אַלגעמיינער מאַטעריעלער קריזיס פון די יידישע שולן, וועלכע ווערן ניט אויסגעהאַלטן פון דער מלוכה, דריקט שווער אויך אויף דער רעאַל-גימנאַזיע.

---

*) אין 1922 האָט זיך געעפנט אין סווענציאַן די ערשטע יידישע מיטלשול אין דער ווילנער פּראָווינץ (מיט יידיש אַלס אונטעררי‌כטשפּראַך).

ביי היינטיקן טאָג גיט די רעאַל-גימנאַזיע אירע שילער אַן אַלגעמיינע מיטלעלע בילדונג מיט אַ באַשטימטער איבערוואָג אין מאַטעמאַטיש-נאַטורוויסנשאַפטלעכע לימודים. אין גימנאַזיע ווערן געלערנט: יידיש, העברעאיש, פּויליש, דייטש, רוסיש, מאַטעמאַטיק (אַריטמעטיק, אַלגעברע, געאָמעטריע, טריגאָנאָמעטריע, אַנאַליטישע געאָמעטריע); פיזיק און כעמיע; געאָגראַפיע, נאַטורוויסנשאַפט און ביאָלאָגיע; יידישע און אַלגעמיינע געשיכטע; פּאָליטישע עקאָנאָמיע; לאָגיק און פּסיכאָלאָגיע; מאָלן און פּראָיעקטיווע צייכענען.

אַ שווערן וועג האָבן געמוזט דורכמאַכן די שעפער און בויער פון דער גימנאַזיע—די לערער, וועלכע האָבן ביי די שווערסטע אויסערלעכע באַדינגונגען דורכגעלייגט דעם וועג פאַר דער ערשטער נאָרמאַלער יידישער מיטלשול, וועלכע וועט שוין אין קומענדיקן יאָר 1923 האָבן דעם ערשטן סיום—די ערשטע אַביטוריענטן פון אַ באמת יידישער מיטלשול—אויף דער גאַנצער וועלט.

צוויי הויפּט-אויפגאַבן שטייען איצט פאַר דער רעאַל-גימנאַזיע: 1) באַקומען אַן אייגענעם בנין אָדער לכל-הפּחות אַ שטענדיקן און זיכערן געדונגענעם לאָקאַל און 2) אויסקעמפן פאַר דער רעאַל-גימנאַזיע מלוכה-רעכט. אין ביידע ריכטונגען ווערט געפירט אַ ענערגישע אַקציע. אָבער די ביידע דערמאָנטע אויפגאַבן שטייגן אַריבער די כּוחות פון די דירעקט פאַראינטערעסירטע פּערזאָנען און אָרגאַנען, און לייזן באַפרידעוודיק די דאָזיקע צוויי גרונדפּראָבלעמען פון דער יידישער רעאַל-גימנאַזיע, וועלכע זיינען אין פולן זין פון וואָרט—נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען פון דער העכסטער וויכטיקייט, וועט קענען נאָר די אָרגאַניזירטע אָנשטרענגונג פון דער גאַנצער יידישער געזעלשאַפט.

ניט קוקנדיק אָבער אויף אַלע שוועריקייטן און מניעות, לאָזן די בויער פון דער גימנאַזיע ניט אַראָפּ די הענט; זיי שעפּן זייער מאָראַלישע אונטערשטיצונג אין דער וואַרימסטער סימפּאַטיע און ליבע פון די תּלמידים און די תּלמידות, די בעסטע פריינד פון דער שול, אין דעם צוטרוי און מיטאַרבעט פון די עלטערן, אין זייער קאָמיטעט און אין דעם אָנפירנדיקן אָרגאַן פון צענטראַלן יידישן בילדונגס-קאָמיטעט.

שוין ניט איין מאָל האָט זיך די ווילנער וואַרשעווער און אַמעריקאַנער פּרעסע אָפּגערופן באַגייסטערט וועגן דער גימנאַזיע. אַ סך שריפטשטעלער און געזעלשאַפטלעכע טוער, פון די פאַרשיידנסטע ריכטונגען, ווי ד״ר חיים ספּיוואַק, ה. ד. נאָמבערג, ה' שוכטער, וולאַדימיר מעדעם, נח פּרילוצקי, ש. הירשהאָרן, ב. צוקערמאַן, גדליה בובליק א. אַנד. האָבן נאָך זייער באַזוכן די גימנאַזיע עפנטלעך אויסגעדריקט זייער אָנערקענונג. מיר ברענגען אייניקע איינשרייבונגען אין דעם באַזוכער-בוך פון דער גימנאַזיע.

ה. ד. נאָמבערג, דעם 22 פעב. 1920 יאָר. איך ווינטש ווילנע, דעם ליטווישן ירושלים, וואָס האָט אונז געגעבן די ערשטע יידישע גימנאַזיע, אַז זי זאָל האָבן דעם כּבוד צו געבן אינגיכן אונז אַ יידישע אוניווערסיטעט. בראַוואָ, ווילנער אינטעליגענץ!

וו. מעדעם, דעם 2 יוני 1920 יאָר: איך האָב פאַרלאָזן אייער שול מיט אַ טיכן... פּאַרדרוס, וואָס מיר אין וואַרשע פאַרמאָגן ניט אַזאַ הערלעכע אַנשטאַלט. איך האָף אָבער, אַז דער ווילנער ביישפּיל וועט ווירקן אויף דעם פאַרגליווערטן וועלטל פון פּוילישן יידנטום...

ש. הירשהאָרן, דעם 13 יאַנ. 1921 יאָר: איך בין אַנטציקט מיט דער שול, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ גאַנץ נייעם טיפּ—אַ פאָלקסשול, וואָס אַנטהאַלט העכערע קלאַסן, אַ גימנאַזיע פאַר אומפאַרמעגלעכע עלעמענטן. דאָס וואָס ביי די רייכערע פעלקער איז אַ טרוים, האָט די ווילנער יידישע דעמאָקראַטיע פאַרווירקלעכט אין לעבן. אַ לויב דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג און דעם טיכטיקן לערער-פּערסאָנאַל.

אין אַן אַרטיקל אין וואַרשעווער „מאָמענט“ שרייבט נח פּרילוצקי צווישן אַנדערן: „דערפאַר האָבן מיר פאַרבראַכט עטלעכע שעה אין דער ערשטער רעאַל-גימנאַזיע, און די דאָזיקע עטלעכע שעה וועל איך ניט פאַרגעסן כּל-זמן כ'וועל לעבן.

„מיר האָבן ביז איצט ווייניק געוואוסט פון דער ווילנער גימנאַזיע, ווען מיר זאָלן וויסן אַלץ, וואָלט זי אונז געמוזט ווערן זייער נאָענט, און מיר וואָלטן פאַרשטאַנען, אַז עס איז דער חוב פון דער יידישער דעמאָקראַטיע אין דער גאַנצער וועלט איר צו שענקען אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט און פאַר איר באַזונדער צו זאָרגן“.

דער דאָזיקער שם פון דער רעאַל-גימנאַזיע הייבט אָן צוצוציען צו איר די יידישע אינטעליגענץ ניט נאָר פון ווילנע, און אָט האָבן מיר דערלעבט, אַז אַ אייראָפּעאישע קראַפט, ווי דער מאַטעמאַטיקער בערלינער, פּריוואַט-דאָצענט פון בערנער אוניווערסיטעט, זאָל זיך שטעלן בראש פון דער אַנשטאַלט אַלס איר דירעקטאָר. אַחוץ דעם דירעקטאָר ווערט די גימנאַזיע אָנגעפירט פון אַ קאָלעגיע פון 2 פּערזאָן: ברוך לובאָצקי און לייזער לאָזאָווסקי (פריער האָט צו דער קאָלעגיע אויך געהערט דוד לובאָצקי). דער לערער-פּערסאָנאַל ציילט איבער 35 מאַן.

# די גמנסיה עברית.

אין חודש דעצעמבער 1915 איז דורך דער איניציאַטיווע פונם פאַר־שטאָרבענעם כלל־טוער ד״ר יוסף עפּשטיין, געעפנט געוואָרן די העברעאישע גימנאַזיע*). די אויפגאַבע, וואָס די גימנאַזיע האָט זיך געשטעלט, איז געווען צו געבען אַ נאַציאָנאַל־וועלטלעכע אויסבילדונג אין דער העברעאישער שפּראַך. געעפנט האָט זיך די שול אויף אַ משונהדיקן אופן:

אין אַ צימער בײַ דעם ד״ר עפּשטיין אין וואוינונג איז געזעסן אַ לערער מיט 15 תּלמידים און געלערנט לויט אַ פּראָגראַם, וואָס איז געווען „אימפּראָוויזירט״ פון דעם ד״ר אַליין: תּנך, העברעאיש, יידישע און אַלגעמיינע געשיכטע, חשבון, געאָגראַפיע און נאַטורוויסנשאַפט. דאָס איז געווען דאָס ערשטע „קעמערל״ פון דער העברעאישער גימנאַזיע.

אין יאַנואַר 1916 האָט שוין די צאָל תּלמידים און תּלמידות דערגרייכט ביז 75, ס׳איז אײַנגעלאַדן געוואָרן אַ לערער־פּערסאָנאַל פון 6 מאַן. די שול איז צעטיילט געוואָרן אין 2 צוגרייטונגס־קלאַסן און 2 גרונד־קלאַסן. דאַמאָלסט איז די שול איבערגעגאַנגען אין אַ לאָקאַל אויף זשאַנדאַרמען־גאַס. בראש פון איר איז געשטאַנען דער זעלביקער ד״ר עפּשטיין.

די אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּעדאַגאָגישע אַרבעט אין שול איז געווען זייער קאָמפּליצירט. אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט און אָן דעם מינדסטן קאָנטאַקט מיט די שולן אין ארץ־ישראל, איז די לערער פון אָט דער נייער העברעאישער שול אויסגעקומען אַליין אַלץ צו שאַפן.

איבערהויפּט איז שווער געווען צו פאַרענטפערן די פראַגע פון לערנביכער און פון די טערמינאָלאָגיעס פאַר אַלערליי אַלגעמיינע לימודים. צו דעם צוועק זײַנען דאַמאָלסט געשאַפן געוואָרן ספּעציעלע פּעדאַגאָגישע פאַך־קאָמיסיעס בײַ דער גימנאַזיע, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיטן שאַפן אַ העברעאישע טערמינאָלאָגיע פאַר די אַלגעמיינע לימודים און צוגלייך דערמיט אויך אויסאַרבעטן קאָנספּעקטן, וואָס זאָלן פאַרבײַטן די לערנביכער. דאָס האָט פאַרלייכטערט אין אַ גרויסער מאָס די אַרבעט אין דער גימנאַזיע, וועלכע איז ביסלעכווייז געוואָרן זייער פּאָפּולער אין שטאָט. די צאָל תּלמידים איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג אַזוי, אַז צום זומער־סעמעסטער 1916, האָט זי שוין דערגרייכט ביז 250. די שול איז דאַמאָלסט אַריבער אויף אַ נייער דירה. ס׳זײַנען געעפנט געוואָרן פּאַראַלעלע קלאַסן און ס׳זײַנען צוגעצויגן געוואָרן נאָך לערער־קרעפטן.

די פּראָגראַם פון די לימודים, וועלכע איז לכתּחילה אויסגערעכנט געווען אין דעם פאַרנעם פון אַ פאָלקסשול, איז פאַרברייטערט געוואָרן ביז צום פאַרנעם פון אַ קלאַסישער מיטלשול. די גמנסיה ווערט דער צענטער פון דער היגער ציוניסטישער קולטור־אַרבעט. דאָס אינווייניקסטע שול־לעבן פון דער שול נאָרמאַליזירט זיך ביסלעכווייז, און עס עפענען זיך האָפענונגספולע פּערספּעקטיוון, וועלכע באַפליגלען די פאַנטאַזיע פון אירע אַרבעטער און איבערהויפּט איר „רוח החיה באופנים״ — דעם ד״ר עפּשטיין אַליין. ער פּלאַנט דאַמאָלסט וועגן גרינדן אַ „מוטער־פאַרבאַנד״ בײַ דער גימנאַזיע, וואָס זיין אויפגאַבע זאָל זיין צו פאַרשפּרייטן די העברעאישע שפּראַך צווישן די מוטערס פון די תּלמידים.

דאָ דאַרף פאַרצייכנט ווערן דער פאָלגנדיקער מאָמענט:

צוליב פאַרשיידענע טעמים האָבן די דייטשע אָקופּאַנטן פאַרוועהרט העברעאיש אַלס אונטערריכטסשפּראַך. און דער גמנסיה איז דעריבער אויסגעקומען צו עקסיסטירן אומלעגאַל. דער דייטשער אינספּעקטאָר, וועלכער פלעגט מאַכן זייער אָפטע באַזוכן אין שול, פלעגט איטלעכס מאָל וואַרפן אַ מורא אויף די לערער־„קאָנטראַבאַנדיסטן״... אויף דעם געביט פלעגן פאָרקומען פאַרשיידענע קוריאָזן. איינעם פון זיי וויל איך דאָ פאַרצייכענען: אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז פּלוצלונג אומגעריכט (שטענדיק, פלעגט מען זיך שוין מיט אַ טאָג פריער ווי־עס־איז דערוויסן וועגן אינספּעקטאָרס באַזוך) געקומען דער קרייז־שול־אינספּעקטאָר, אַן אַלטער דייטשער פּראָפעסאָר, אַ כשרער ביוראָקראַט און אַ שטרענגער אָפּהיטער פונם „געזעץ״. ער איז אַריין אין אַ קלאַס, וואו עס איז געגאַנגען אַ לעקציע פון לאַטיין. אין קלאַס איז געוואָרן אַ טומל, דער לערער האָט זיך פאַרלוירן און האָט מעכאַניש ווייטער געפירט די לעקציע אין העברעאיש. תּחילת האָט דער פּראָפעסאָר ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר, אָבער אין אַ פּאָר מינוט אַרום, ווען ער האָט תּופס געווען דעם גאַנצן ענין (ער אַליין האָט פאַרשטאַנען העברעאיש אַ ביסל), האָט ער זיך פאַראינטערעסירט און אָנגעהויבן אַליין צו שטעלן די תּלמידים שאלות אין לאַטיין, זיי זאָלן איבערזעצן אין העברעאיש...

די אָפטע וויזיטן פון די דייטשע אינספּעקטאָרן פלעגן ברענגען דער שול געוויס פיזישע שרעק און גייסטיקע יסורים. דאָס האָט אָבער ווייניק געשטערט דער אַנטוויקלונג פון דער גימנאַזיע, וועלכע איז ביסלעכווייז אויסגעוואַקסן אין אַ מאָ״ דערנער העברעאישער שול.

נאָכן טויט פונם ד״ר עפּשטיין, זומער 1916, לעבט די גימנאַזיע איבער אַ שווערן קריזיס. עס געדויערט אָבער ניט לאַנג און דער קריזיס ווערט ליקווידירט. בראש פון דער גימנאַזיע שטעלט זיך דאַמאָלסט ד״ר רעגענסבורג.

איינע פון די אויפגאַבן, וואָס די גמנסיה האָט זיך געשטעלט פון אָנהייב אָן, איז געווען די שטרעבונג צו באַדינען וואָס ברייטערע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ווילנע. אויף אַזאַ אופן האָט די גימנאַזיע געמוזט זיין צוטריטלעך אויך פאַר די אָרימע, וועלכע האָבן ניט געקענט באַצאָלן דעם פולן שכר־לימוד פאַר זייערע קינדער. אין דעם ערשטן יאָר פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז דער פּראָצענט אומבאַמיטלטע תּלמידים געווען זייער אַ קליינער, באופן, אַז די גימנאַזיע האָט געקענט, מיט אַ געוויסער ביודזשעט־באַשרענקונג, זיין אַ „חי נושא את עצמו״, און אַזוי איז עס טאַקע געווען — מיט דעם שכר־לימוד האָט מען געדעקט דעם ביודזשעט פון דער שול.

אָבער אין דעם צווייטן יאָר פון דער דייטשער אָקופּאַציע, בעת די אָרימקייט אין שטאָט האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה, זײַנען די הוצאות פון דער שול אין אַ געוואַלדיקער פּראָפּאָרציע אַריבערגעוואַקסן אירע הכנסות. דאַמאָלסט איז אויסגעקומען די לערער צו אַרבעטן חדשים לאַנג אָן שכירות. צו יענער צייט האָט דער ציוניסטישער ענגער אַקציאָנס־קאָמיטעט אין בערלין אָנגעהויבן צו סובסידירן די גמנסיה אין אַ סומע פון עטלעכע הונדערט מאַרק אַ חודש, וואָס האָט זיך געצויגן אומגעפער 2 יאָר.

דער קריטישער פינאַנסיעלער מצב האָט לכתּחילה פאַרלאַנגזאַמט די נאָרמאַלע אַנטוויקלונג פון דער שול, אָבער ווען עס איז געלונגען צו לייזן דעם קריזיס, אַזוי האָט זיך אין איר אָנגעהויבן אַ אינטענסיווע פּעדאַגאָגישע אַרבעט.

אַזוי האָט זיך געצויגן ביז דער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע פון יאָר 1919. די גמנסיה ווערט אַרויסגעוואָרפן פון דער נעץ שולן, וועלכע ווערן סובסידירט פון דער מאַכט, און איר מאַטעריעלער מצב ווערט ווידער זייער אַ שווערער; אָבער די לערער בלייבן בײַ זייער אַרבעט, ניט גייענדיק אויף קיינע שום פּשרות בנוגע דער פּראָגראַמאַטישער זייט פון דער שול. שפּעטער אַ ביסל ווערן פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די באָלשעוויקעס האָבן בדעה איינגאַנצן זי צו שליסן.

דערווײַלע בײַט זיך די מאַכט, און די גימנאַזיע בלייבט עקסיסטירן.

אין יאָר 1920, ווען די אַלע היגע געזעלשאַפטלעכע שולן ווערן אַריינגענומען אין רשות פון דער יידישער קהילה און דער מאַטעריעלער מצב פון דער גמנסיה עברית ווערט דורך דעם געזיכערט, ווערט באַלד פאַר איר געשאַפן די ברייטסטע מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זיך. די צאָל קלאַסן איז דאַמאָלסט 8, 2 מכינות און 6 גרונד־קלאַסן, אין וועלכע ס׳לערנען זיך ביז 300 קינדער פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. ס׳עפנט זיך בײַ דער גימנאַזיע אַ ביבליאָטעק און אַ יוגנט־קלוב, מיט וועלכע ס׳פאַרוואַלטן די תּלמידים פון די העכערע קלאַסן. אין קלוב קומען פאָר סיסטעמאַטישע פאָרלעזונגען פאַר די תּלמידים אויף פאַרשיידענע נאַטורוויסנשאַפטלעכע און היסטאָריש־ליטעראַרישע טעמעס, וועלכע העלפן זייער פיל מיט דער געזעלשאַפטלעכער אין אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג פון די תּלמידים.

אין יאָר 1921 ווערן אַריינגעטראָגן זייער וויכטיקע שינויים אין דער פּראָגראַם, איבערהויפּט אויפן געביט פון נאַטורוויסנשאַפט און מאַטעמאַטיק. די גימנאַזיע דערנענטערט זיך צום טיפּ פון אַ הומאַניסטיש־קלאַסישער מיטלשול. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַרצווייגונג פון דער אַרבעט איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ קאָלעגיע פון דריי לערער, וועלכע פירט אָן, בײַ דער מיטווירקונג פונם דירעקטאָר ד״ר רעגענסבורג, מיט דער גאַנצער פּעדאַגאָגישער אוןווירטשאַפטלעכער אַרבעט.

*) אין די ערשטע חדשים פון איר עקסיסטענץ האָט זי געהייסן „העברעאישע נאָרמאַל־שול״.

צו יענער צייט גרינדעט זיך בײַ דער גימנאַזיע אַ עלטערן-קאָמיטעט, וועלכער שטייט אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט דעם פּעדאַגאָגישן ראַט און העלפט אים מיט אין דער אַדמיניסטראַטיווער אַרבעט.

אין יאָר 1920, נאָכן לערער-שטרייק, גייט די גימנאַזיע אַריבער אין רשות פון „תרבות", וועלכע פירט מיט איר אָן הן פּעדאַגאָגיש און הן פינאַנציעל.

צום לערניאָר 1921/22 עפנט זיך אין גימנאַזיע דער VII קלאַס. אַזוי, אַז בײַ היינטיקן טאָג האָט די גימנאַזיע 9 קלאַסן, פון זיי 2 מכינות און 7 גרונד-קלאַסן. די צאָל תלמידים דערגרייכט איצט ביז 400, פון זיי זיינען אומגעפער 30% ניט-היגע. די צאָל לערער—18.

דער ביודזשעט פון דער גימנאַזיע באַטרעפט קרוב צו אַ מיליאָן מאַרק אַ חודש.

די 2 בײַגעלייגטע לערנפּלענער פאַר די לערניאָרן 1916-17 און 1921/22 צייכענען בולט אָן די אַנטוויקלונגס-פאַזן, וואָס די גימנאַזיע האָט דורכגעמאַכט.

מ. י. נאַדעל

## תכנית הלמודים

### לשנת-הלמוד 17—1916.

| | הלמודים | | | מחלקה א' | מחלקה ב' | מחלקה ג' | מחלקה ז' |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | עברית — — — — | | | 5 | 4 | 4 | 3 |
| 2 | נ"ך — — — — | | | 3 | 6 | 3 | 3 |
| 3 | הסתוריה עברית — | | | — | — | 2 | 2 |
| 4 | הסתוריה כללית ~ — | | | — | — | 2 | 2 |
| 5 | חשבון — — — — | | | 5 | 5 | 2 | — |
| 6 | גיאומטריה ואלגיברה | | | — | — | 2 | 2 |
| 7 | טבע — — — — | | | 3 | 2 | 2 | 2 |
| 8 | גיאוגרפיה — — — | | | — | 2 | 2 | 2 |
| 9 | אשכנזית — — — | | | 6 | 4 | 3 | 4 |
| 10 | רוסית — — — — | | | 3 | 4 | 4 | 2 |
| 11 | לטינית — — — — | | | — | — | — | 2 |
| 12 | אגדה — — — — | | | — | — | 2 | — |
| 13 | משנה — — — — | | | — | — | — | 2 |
| 14 | באור התפלה— — — | | | 1 | 1 | 1 | 1 |
| 15 | התעמלות — — — | | | 2 | 2 | 2 | 2 |
| 16 | זמרה — — — — | | | 2 | 2 | 2 | 2 |
| | ס"ה | | | 30 | 32 | 33 | 31 |

## תכנית הלמודים

### לשנת הלמוד 22—1921 תרפ"א—תרפ"ב

| | הלמודים | מכינה א' | מכינה ב' | מחלקה א' | מחלקה ב' | מחלקה ג' | מחלקה ד' | מחלקה ה' | מחלקה ו' | מחלקה ז' |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | עברית — — — — — — — | | 6 | 6 | 5 | 4 | 3 | 3 | 3 | -- |
| 2 | תולדות הספרות — — — | קריאה וכתיבה | — | — | — | — | — | — | 1 | 4 |
| 3 | תנ"ך — — — — — — — | | 4 | 4 | 4 | 3 | 3 | 3 | 3 | 1 |
| 4 | אגדה ומשנה — — — — — | | — | — | — | — | — | 2 | — | — |
| 5 | תלמוד — — — — — — — | | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 |
| 6 | הסתוריה עברית — — — | | — | — | — | 1 | 2 | 2 | 2 | 2 |
| 7 | הסתוריה כללית — — — | | — | — | 2 | 3 | 3 | 3 | 3 | 2 |
| 8 | חשבון — — — — — — — | | 6 | 6 | 5 | 5 | 3 | — | — | — |
| 9 | אלגיברה וגיאומטריה — — | מספרים | — | — | — | — | 4 | 6 | 6 | 5 |
| 10 | ידיעת הטבע — — — — | | 5 | 3 | 3 | 3 | 3 | 2 | — | — |
| 11 | כמיה — — — — — — | | — | — | — | — | — | 2 | 2 | 2 |
| 12 | פיסיקה — — — — — — | | — | — | — | — | — | 1 | 3 | 2 |
| 13 | גיאוגרפיה — — — — — | מלאכה יד ושיחות הסתכלות | — | 3 | 3 | 3 | 3 | 2 | 2 | — |
| 14 | פסיכולוגיה — — — — | | — | — | — | — | — | — | — | 2 |
| 15 | כלכלה מדינית — — — — | | — | — | — | — | — | — | — | 2 |
| 16 | גיאולוגיה — — — — — | | — | — | — | — | — | — | — | 2 |
| 17 | פולנית — — — — — | | — | — | 3 | 3 | 3 | 3 | 3 | 3 |
| 18 | אשכנזית — — — — — | | — | — | — | 3 | 3 | 2 | 2 | 2 |
| 19 | צרפתית — — — — — | | — | — | — | — | 3 | 3 | 2 | 2 |
| 20 | רוסית — — — — — — | | — | — | -- | 3 | 3 | 3 | 2 | 2 |
| 21 | לטינית — — — — — | | — | — | — | — | — | — | 3 | 3 |
| 22 | זמרה — — — — — — | | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | — | — |
| 23 | התעמלות ומשחקים — — | | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | — | — | — |
| 24 | ציור ומלאכת יד — — — | | 5 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | — |
| | ס"ה | 27 | 28 | 28 | 31 | 37 | 42 | 41 | 41 | 38 |

# די ווילנער „שטאָטישע תלמוד־תורה.

## (תלמוד תורה העירוני)

די שטאָטישע תלמוד-תורה שטעלט פאָר מיט זיך א בית-יתומים פאר עלנטע קינדער צוזאמען מיט א 6=קלאסיקער פאָלקסשול, וואו עס קומען זיך לערנען אויך שטאָטיקע קינדער, ניט קיין יתומים. בסך-הכל באקומען אין דער ת״ת ערציאונג און אויסבילדונג 300 קינדער, פון זיי 250 יתומים, אין עלטער פון 7 ביז 15 יאָר.

די פענסיאָנערן—200 קינדער—באקומען 4 מאָל עסן טעגלעך, וועש, קליידער, שיך, נאכטלעגער, מעדיצינישע הילף און אלעס איבעריקע אויפן חשבון פון דער קהילה, וועלכע איז דער איינציקער בעל-הבית און פארזארגער פון דעם אינטערנאט. דאָ מוז באמערקט ווערן, אז די קהילה פארברויכט טאקע זייער גרויסע סומען אויף אויסצוהאלטן דעם אינטערנאט.

דער טעגלעכער ברויט-ראציאָן אליין פאר דער ת״ת באטרעפט איבער 7000 מארק. בכלל איז דער ביודזשעט פון אינטערנאט העכער א האלבן מיליאָן מארק א חודש.

דער פערסאָנאל פון אינטערנאט באשטייט פון 18 פערזאָן.

די שול פון דער תלמוד-תורה איז פון 15 יאנואר 1921 אָן אריבער אין רשות פון דעם ווילנער „וועד-המאוחד״, וועלכער האָט די אייבערשטע פעדאגאָגישע השגחה און זאָרגט אויך וועגן שכירות פאר די לערער. עס פונקציאָנירן הייער 7 קלאסן (2 קלאסן פאראלעלע), מיט 6 כסדרדיקע קורסן. די שול איז א רעליגיעז-נאציאָנאלע פאָלקסשול, וואו די קינדער באקומען די נייטיקע עלעמענטארע ידיעות פון יידישע און וועלטלעכע למודים און ווערן דערצויגן אין רעליגיעז-נאציאָנאלן גייסט. אין ערשטן קלאס קומען אָן מתחילים און אין משך פון די 6 יאָר גייט מען דורך: חומש מיט ליקוט, רשי, נביאים ראשונים אינגאנצן, די וויכטיקסטע שטעלן פון אחרונים און כתובים, אין די עלטערע קלאסן משניות און גמרא; מען גייט דורך די יידישע געשיכטע ביז היינטיקן טאָג אין צוזאמענהאנג מיט דער אלגעמיינער געשיכטע; די ה ע ב ר ע א י ש ע שפראך ווערט געלערנט אזוי, אז געענדיקט די שול קענען די קינדער שריפטלעך אויסדריקן זייערע געדאנקען אויף העברעאיש און פארשטיין א העברעאיש בוך אדער צייטונג; י י ד י ש לערנט מען פון 2 קלאס אָן, און אין משך פון קורס באווייזט מען צו באקענען זיך מיט די יידישע קלאסיקער און באהערשן פולקום די שפראך; ח ש ב ו ן—דעם גאנצן קורס, ג ע אָ ג ר א פ י ע, נ א ט ו ר ו ו י ס נ-ש א פ ט, פ י ז י ק—דער קורס פון א העכערער פאָלקסשול; פויליש ווערט געלערנט אין 4, 5 און 6-טן קלאס; אויך לערנט מען אין דער שול צייכענען, געזאנג, גימנאסטיק.

דער פערסאָנאל באשטייט פון 12 פערזאָן.

זייער שווער קומט אָן דער אדמיניסטראציע פון דער ת״ת צו באזאָרגן די געענדיקטע יתומים מיט א מלאכה.

אָפגעבן זיי אין א וועלכער ס׳איז פראָפעסיאָנעלער שול, ווי „הילף דורך ארבעט״, איז פאר דער ת״ת אוממעגלעך, ווייל דאן וואָלט זי געדארפט די יתומים אויסהאלטן ביי זיך 3, 4 און 5 יאָר נאכאנאנד, ד. ה. ביז וואנען זיי וועלן ענדיקן דעם קורס פון מלאכה (אין א פראָפ. שול פארדינען ניט די קינדער ביזן ענדיקן). זעלבסטפארשטענדלעך, אז לאָזן אין אינטערנאט די קינדער ביז 18, 19 און אפילו ביז 20 יאָר, בשעת דאָרט זיינען אויך דאָ 7—8-יאָריקע קינדער, איז אויסגעשלאָסן מחמת כמה טעמים, און איבערהויפט פעדאגאָגישע. אגב איז א גרויסער דראנג פון די קליינע שטאָטיקע יתומים אָנצוקומען אין ת״ת, און די דערוואקסענע ארבעטער וועלן פארנעמען זייערע פלעצער אין אינטערנאט.

די דאָזיקע סיבה צווינגט די אדמיניסטראציע פון ת״ת צו ווענדן זיך אויסשליסלעך צו פריוואטע בעלי-מלאכהס און איבערגעבן זיי די קינדער אויף



דער לער. אגב איז צו באמערקן, אז ס׳איז שוין אוועק די צייט, ווען די לערניינגלעך ביי די בעלי-מלאכות פלעגן וויגן דאָס קינד אָדער טראָגן פאמויניצעס, ווי דאָס ווערט געשילדערט ביי מענדעלע מוכר-ספרים. איין יאָר בלויז שטיצט די ת״ת דעם אָפגעגעבענעם לערניינגל, און אויפן צווייטן יאָר אָדער אָפטמאָל צום צווייטן האלב-יאָר גייט ער ארויס אין גאנצן לרשות עצמו, ווייל ער קען שוין אויף אזוי פיל די ארבעט, אז דער בעל-מלאכה צאָלט אים שוין כדי מחיתו.

ביי היינטיקן טאָג שטיצט די ת״ת 48 ת״ת-קינדער, וואָס ארבעטן ביי בעלי-מלאכות. צווישן זיי זיינען דאָ: 17 שניידער, 8 מעכאנישע שלאָסער, 9 שטעפער, 6 שוסטער, 1 שלאָסער, 1 היטל-קירזשנער, 2 בעקער, 1 עלעקטראָטעכניקער, 1 ליטאָגראף (אין „הילף דורך ארבעט״), 1 פאָטאָגראף, 1 שילדנמאלער (אין „הילף דורך ארבעט״).

די שטאָטישע ת״ת עקסיסטירט שוין אייניקע הונדערט יאָר. פריער איז זי געווען אויף פראנציסקאנער גאס נומ. 7, וואו ס׳איז די דרוקעריי „ראָזענקראנץ און שריפטזעצער״; שוין א יאָה 50, ווי די ת״ת געפינט זיך אין דעם גרויסן דריי-גאָרנדיקן בנין אויף נייער גאס נומ. 5. א יאָר 15—20 איז זי געווען פאראייניקט מיט דער „האנטווערקער-שול״, וועלכע האָט זיך געפונען אין א דערבייאיקן בנין, נאָר מיט 10 יאָר צוריק זיינען די 2 מוסדים אָפגעטיילט געוואָרן.

דער בויער פון דעם בנין פון דער נייער ת״ת איז געווען דער באוואוסטער ווילנער כלל-טוער י ו נ ה ג ע ר ש ט י י ן. צווישן די אמאליקע גבאים זיינען נאָך באוואוסט: ד. אָפאטאָוו, קליאטשקאָ, א. ליפעץ, איזידאָר שאבאד, אדאָלף גאָרדאָן, הרב ח. ע. גראָדזענסקי, הרב י. רובינשטיין. ביז דער אינוואזיע פון די באָלשעוויקעס האָט אָנגעפירט מיט דער ת״ת א קאָמיטעט פון גבאים. דאַן איז ער צעפאלן, און די פרובן אים צו באנייען, גיבן זיך ניט איין. פון די פריערדיקע גבאים, וואָס אינטערעסירן זיך נאָך מיטן מוסד און ארבעטן פאר אים ספעציעל, איז געבליבן איין איינציקער—הרב י. רובינשטיין.

אין יאָר 1918 איז ארויס א ספעציעלער געדרוקטער באריכט וועגן דער ת״ת פאר די יאָרן 1915—1918.

### דער לערנפּלאַן פון דער 6=קלאַסיקער שול „שטאָטישע תלמוד=תורה״ פאַרן לערניאָר 1920/21.

(צאָל וועכנטלעכע שעהן אויף יעדן געגנשטאַנד).

| קלאסן | תנ״ך | משנה ואגדה | עברית | יידיש | געשיכטע יידישע און אלגעמיינע | נאטורוויסנשאפט | חשבון און געאמעטריע | געאגראפיע | פיזיק | צייכענען און האנט-ארבעט | געזאנג (און כאר-געזאנג) | גימנאסטיק, שפילן | טעמי הקריאה | צוזאמען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| I | — | — | 11 | 3 | — | — | 4 | — | — | 3 | — | 3 | — | 24 |
| IIא | 4 | — | 10 | 3 | 2 | 2 | 4 | — | — | 2 | 1 | 2 | — | 30 |
| IIב | 6 | — | 8 | 3 | 2 | 2 | 6 | — | — | 2 | 1 | 2 | — | 32 |
| III | 8 | — | 5 | 3 | 2 | 2 | 4 | 2 | — | 2 | 1 | 2 | — | 31 |
| IV | 8 | — | 5 | 3 | 2 | 2 | 4 | 2 | 3 | 2 | 1 | 2 | — | 34 |
| V | 6 | 2 | 5 | 3 | 4 | 2 | 6 | 2 | 3 | 2 | — | 2 | 1 | 38 |
| VI | 5 | 3 | 4 | 3 | 4 | 3 | 6 | 2 | 3 | 2 | — | 2 | 1 | 38 |

אויסער דעם 3 שעה אין וואָך כאָר-געזאנג.

## פינאַנס־באַריכט פאַרן יאָר 1919.

### הכנסה.

| № | | ק. | רובל. |
|---|---|---|---|
| 1 | סאַלדאָ צום 1/I 1919 | 05 | 526 |
| 2 | דירה־געלט | 40 | 7.634 |
| 3 | באַלייכטונג | — | 430 |
| 4 | יערלעכע און מאָנאַטלעכע אָפּצאָלן פון מיטגלידער | 34 | 4.502 |
| 5 | צענטראַל־קאָמיטעט, קהילה, יעקאָפּאָ, צדקה־גדולה | — | 119.728 |
| 6 | ראַטן־מאַכט | 78 | 74.397 |
| 7 | פּערסאָנאַל פאַר פּראָדוקטן | 61 | 9.292 |
| 8 | הלוואות | 67 | 1.841 |
| 9 | קלויז | 50 | 1.327 |
| 10 | צופעליקע נדבות | 21 | 5.407 |
| 11 | צופעליקע הכנסות | — | 731 |
| | בס״ה | 56 | 225.818 |

### הוצאה.

| № | | ק. | רובל |
|---|---|---|---|
| 1 | פּראָדוקטן (אַ קלענער טייל) | 19 | 5.781 |
| 2 | הויזאויסהאַלטונג | 01 | 8.749 |
| 3 | קליידער, וועש | 90 | 6.556 |
| 4 | די הייזער פון ת״ת | 29 | 3.782 |
| 5 | באַהייצונג | 21 | 6.465 |
| 6 | באַלייכטונג | 93 | 3.565 |
| 7 | נביה | 94 | 1.804 |
| 8 | ריינלעכקייט | 19 | 2.903 |
| 9 | מכשירים, ספרים | 43 | 8.094 |
| 10 | רפואות, קוראַציע | 50 | 3.027 |
| 11 | שכירות לערער | 30 | 114.067 |
| 12 | שכירות אָנגעשטעלטע | 15 | 52.218 |
| 13 | קלויז | 30 | 395 |
| 14 | נעדעקט הלוואות | 67 | 1.796 |
| 15 | פאַרשידענע | 30 | 253 |
| 16 | קורס־דיפערענץ אויף קערענקעס | 81 | 4.428 |
| 17 | סאַלדאָ צום 1/I 1920 | 43 | 1.928 |
| | בס״ה | 56 | 225.818 |

**באַמערקונג:** אחוץ דער אָנגעוויזענער הכנסה האָט זיך באַקומען אין 1919 יאָר אין נאַטור במעט די גאַנצע פּראָדוקטן, האָלץ, זענער, אַ טייל קליידער, וועש, הילצערנע שיך, זייף, וועשרייו, העפטן (אַ טייל) און ביכער (אַ טייל).

## פינאַנס־באַריכט פאַרן יאָר 1920.

### הכנסה.

| № | | פ. | מאַרק |
|---|---|---|---|
| 1 | סאַלדאָ צום 1/I 1920 | 43 | 1.928 |
| 2 | שטענדיקע אָפּצאָלן | 80 | 14.253 |
| 3 | צופעליקע נדבות | — | 10.310 |
| 4 | דירה־געלט | 65 | 36.247 |
| 5 | קהילה | 62 | 1.132.473 |
| 6 | רעגירונג (מיטל־ליטע) | — | 48.622 |
| 7 | וועד המאוחד | — | 3.080 |
| 8 | זומער־קאָלאָניע | — | 70.442 |
| 9 | הלוואות | 78 | 1.197 |
| 10 | פּראָדוקטן | — | 2.962 |
| 11 | קלויז | — | 7.086 |
| 12 | פאַרשיידענע | 25 | 3.098 |
| | בס״ה | 53 | 1.331.701 |

### הוצאה.

| № | | פ. | מאַרק |
|---|---|---|---|
| 1 | אינווענטאַר | 50 | 7.055 |
| 2 | באַהייצונג | — | 26.183 |
| 3 | באַלייכטונג | — | 11.474 |
| 4 | הייזער פון ת״ת | 80 | 20.535 |
| 5 | הויזאויסהאַלטונג | 05 | 56.490 |
| 6 | מכשירים | 13 | 30.390 |
| 7 | קליידער, וועש | 70 | 58.768 |
| 8 | ריינלעכקייט | 09 | 10.305 |
| 9 | רפואות, קוראַציע | — | 6.772 |
| 10 | פּראָדוקטן (אַ קליינער טייל) | — | 312.579 |
| 11 | שכירות לערער | 28 | 393.386 |
| 12 | שכירות אָנגעשטעלטע | 41 | 287.269 |
| 13 | זומער־קאָלאָניע | — | 71.646 |
| 14 | חובות | 78 | 1.197 |
| 15 | נביה | 25 | 9.375 |
| 16 | קלויז | — | 2.266 |
| 17 | פאַרשיידענע | 50 | 595 |
| 18 | סאַלדאָ צום 1/I 1921 | 04 | 25.412 |
| | בס״ה | 53 | 1.331.701 |

14 יולי 1921.

פאַרוואַלטער פון דער שטאָטישער תלמוד־תורה

מ. סעניצקי.



# „תורת-אמת".

די אנשטאלט „תורת-אמת" איז געשאפן געווארן כמעט פון גארנישט און גאנץ צופעליק. אין יאר 1901 האבן איניקע היגע בעלי-בתים (צווישן זיי דער באהאוסטער כלל-טוער און איניציאטאר פון דעם ענין ה' ישראל וואלאצקי) באמערקט אויף „בוסאקעס" זיך וואלגערנדיק 12- און אויך 13-יאריקע יינגלעך אנאלפאבעטן, וועלכע ערצ'ען זיך אויף דער גאס און ווערן ביסלעכווייז קישעניקעס און גנבים. זיי האבן אזוי-ארום צוזאמענגעקליבן ממש פון גאס ביז 20 קינדער יתומים אדער סתם פארלאזענע, געדונגען א צימער ביי דער חברה „מענגי שבת" (אויף „בוסאקעס", אין עליאשבערגס הויף) און גענומען פאר זיי א לערער. די איניקע עסקנים האבן אינגיכן פאראינטערעסירט מיט דעם ענין און צוגעצויגן נאך אנדערע מיטגלידער און אזוי-ארום האט זיך געבילדעט א חברה „תורת-אמת", וועלכע האט געשטעלט זיך אלס ציל, ניט צו לאזן אין שטאט קיין יתום און בכלל ארים קינד אן יידישער בילדונג און ערציאונג. דער דאזיקער חדר איז געווארן גאנץ גיך אזוי פאפולער, אז ווען מ'פלעגט כאפן א מינדעריעריק יינגל א גנב, פלעגט מען אים גלייך פון צירקל ברענגען מיט א „גאראדאוואי" אין „תורת-אמת"...

ווען מ'האט איינמאל באמערקט, אז א יינגל האט אויף דער הפסקה געגעסן ברויט און א צווייטער איז געלעגן אויף דער פאדלאגע און האט מיטן צונג אויפגעלעקט די ברעקלעך, וואס זיינען אראפגעפאלן פון דעם ערשטן, האט מען ביי דער שול „תורת-אמת" געעפנט א קיך. צו דעם צוועק זיינען צוגעצויגן געווארן איניקע דאמען, וועלכע האבן געשאפן א קאמיטעט, וואס האט באזארגט די תלמידים ניט נאר מיט עסן, נאר אויך מיט קליידער, שיך, מעדיצינישער הילף, ריינלעכקייט און אז. וו.

אזוי איז די אנשטאלט געווארן אלץ גרעסער און ברייטער און צוזאמען דערמיט אויך די צאל מיטגלידער פון דער חברה. דער דראנג פון די קינדער אין די חדרים פון „תורת-אמת" איז געווארן אומגעהייער (צו יעדן זמן פלעגן זיך קומען פארשרייבן העכער 200 יינגלעך) און דאן האט די פארוואלטונג ארויסגעשטעלט א קאנקורס פון ארימקייט. דער דאמען-קאמיטעט פלעגט אלע בין-הזמנים, ביים צונעמען נייע תלמידים, מאכן פריער א ברייטע חקירה ודרישה וועגן דער, סאציאלער לאגע פון יעדן יינגל און נאכדעם, ווי ס'פלעגט פעסטגעשטעלט ווערן זיין אמתע ארימקייט און אויפזיכטסלאזיקייט, פלעגט ער זוכה זיין, מ'זאל אים צונעמען אין „תורת-אמת".

ביזן יאר 1913 האט „תורת-אמת" זיך געוואלגערט אין געדונגענע דירות וועלכע זיינען על-פי רוב ווייט ניט געווען צוגעפאסט פאר א שול. קיין אנשטענדיקע דירה האט בכלל קיינער ניט געוואלט פארדינגען פאר א שול מיט „אזעלכע" תלמידים. און ווען די צאל חניכים האט שוין דערגרייכט ביז 200 און דער מאנגל אין דירות פאר דער שול איז געווארן אלץ גרעסער, האט די חברה „תורת-אמת" זיך גענומען מיט דער גרעסטער ענערגיע צו פארווירקלעכן דעם לאנג געפלאנטן פראיעקט צו שאפן אן אייגן הויז און האט טאקע אין יאר 1913 אויסגעבויט אויף דעם פלאץ, וואס עס האבן אין יענער צייט מנדב געווען אויף דעם צוועק די פרוי פון פארשטארבענעם פארזיצער פון וועד, ה' ל ע א ן ע פ ש ט י י ן, און זיין טאכטער, א גרויסן דרייגארנדיקן בנין מיט אלע באקוועמלעכקייטן לויט אלע שול-היגיענישע פאדערונגען, אויף מאקאראווער געסל № 9.

די גאנצע השגחה אויף דער אנשטאלט און די אנפירונג מיט אים איז געווען אין די הענט פון דער פארוואלטונג, אין וועלכער ס'האבן זיך אויסגעצייכנט די ה"ה: ל. ברוידא, פ. ראבינאוויטש, י. שעסקין, ב. עפשטיין, הרב מ. קארעליץ, י. וואלאצקי, ח. טאבריס, וו. איסערלין, י. מייטעס, י. אלקעניצקי, מ. קריוואשעיעוו, מ. בערגער, י. באקאטורסקי, ב. פעלמאן און אנדערע. און דאמען-קאמיטעט: ב. אלקעניצקאיא, ט. מ. עפשטיין, ש. שעסקין, ג. גארפיין, מ. מייטעס, פ. אלקעניצקאיא, ח. הלליס און אנדערע.

אין די חדרים פון „תורת-אמת" האט מען קיין אלגעמיינע לימודים ניט געלערנט, ווייל די מאכט האט עס ניט דערלאזן, הגם די פארוואלטונג האט פיל געטאן וועגן דעם. פלעגן דעריבער די תלמידים פון די עלטערע גרופעס גיין אין די אזוי-גערופענע „נאראדנע אוטשילישטשעס" און „אנשעפנדיק" דארטן די לימודי-חול פלעגן זיי זיך נאך האלבן טאג אומקערן צוריק אין „תורת-אמת".

אין דער צייט פון דער דייטשער אקופאציע איז „תורת-אמת" אינגאנצן פאריתומט געווארן. דער גרעסטער טייל מיטגלידער פון וועד זיינען ארויסגעפארן קיין רוסלאנד. און דא מוז אונטערגעשטרייכט ווערן, אז די גאנצע זארג פאר דעם מוסד, וועלכער איז אין יענער צייט אומגעהייער אויסגעוואקסן און האט געהאט ביז 400 חניכים, — האבן געטראגן נאר 2 פערזאן: פרוי ט. מ. ע פ ש ט י י ן און הרב מ. ק א ר ע ל י ץ, וועלכע האבן מיט דער גרעסטער מסירת-נפש זיך איבערגעגעבן דעם ענין און וועלכע שטייען נאך עד-היום גאנץ נאענט צום „תורת-אמת" און העלפן ווי ווייט מעגלעך.

פון 15 יאנואר 1921 איז „תורת-אמת" אריבער אין רשות פון „וועד-המאוחד".

איצט שטעלט „תורת-אמת" פאר א רעליגיעז-נאציאנאלע פאלקסשול, וואו עס ווערן דערצויגן און אויסגעבילדעט מער ווי 300 יינגלעך פון פארשיידענע שיכטן פון דער באפעלקערונג. עס פונקציאנירן 9 קלאסן: 6 גרונד-קלאסן, 1 מכינה און 2 פאראלעלע. דער לערער-פערסאנאל באשטייט פון 15 פערזאן און דער אדמיניסטראטיווער און באדינונגס-פערסאנאל פון דער שול מיט דער קיך — פון 7 פערזאן.

אין ערשטן קלאס ווערן אנגענומען קינדער פון 6-יאריקן עלטער און אין משך פון 7 יאר באקומען זיי אלע נייטיקע ידיעות אין יידישע און וועלטלעכע לימודים. זיי גייען דורך חומש מיט רש"י, נביאים ראשונים און אחרונים, די וויכטיקסטע טיילן פון כתובים, אין די העכערע 3 קלאסן אגדה, משנה און תלמוד; יידישע און אלגעמיינע געשיכטע, העברעאיש אויף אזוי פיל, אז די תלמידים באקאנען זיך מיט די קלאסיקער, קענען פריי ריידן, שריפטלעך אויסדריקן גראמאטיש און לאגיש זייערע געדאנקען און לייענען פריי אבי-וואסער בוך. אין דערזעלבער מאס קענען זיי אויך יידיש; חשבון—דעם גאנצן קורס; עלעמענטארע ידיעות פון געאמעטריע און אלגעברע; אין א גאנץ גענוגנדער מאס— געאגראפיע, נאטורוויסנשאפט און פיזיק; צייכענען, געזאנג און גימנאסטיק. פון ‎1-טן קלאס ווערט אויך געלערנט פויליש.

די קינדער, וואס ענדיקן „תורת-אמת" און ווילן ממשיך זיין זייער בילדונג, ווערן אנגענומען אין 4-טן קלאס גימנאזיע, און די וואס ווילן זיך לערנען א מלאכה אין „הילף דורך ארבעט" אן עקזאמענס.

דער חודשדיקער בודזשעט פון דער שול טרעפט איצט אן 457.000 מארק, און פון דער קיך (אחוץ די פראדוקטן, וואס מ'באקומט פון א. ק. פ. ד. און פאר וועלכע עס צאלט די קהלה) 85.000 מארק.

## דער לערנפלאן פון „תורת-אמת" פארן לערניאר 21—1920.

| קלאסן | תורה ורש"י | נביאים | עברית | משנה ואגדה | תלמוד | טעמי הקריאה | תפלות וברכות | יידיש | געשיכטע יידישע און אלגעמיינע | חשבון, געאמעטריע און אלגעברע | נאטורוויסנשאפט | געאגראפיע | פויליש | צייכענען און האנטארבעט | געזאנג (חוץ כאר-געזאנג) | גימנאסטיק און שפילן | צוזאמען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| מכינה | — | — | 13 | — | — | — | 1 | — | — | 6 | -- | — | — | 4 | — | 3 | 27 |
| I | 7 | — | 10 | — | — | — | 3 | — | — | 6 | — | — | — | 3 | 2 | 2 | 33 |
| II [illegible] | 5 | 5 | 6 | — | — | — | 2 | — | -- | 6 | 2 | 2 | — | 2 | 2 | 2 | 34 |
| II ב | 5 | 5 | 6 | — | — | — | 2 | — | — | 6 | 2 | 2 | — | 2 | 2 | 2 | 34 |
| III א | 5 | 5 | 6 | — | — | 1 | — | — | — | 5 | 2 | 2 | 3 | 2 | 2 | 2 | 35 |
| III ב | 5 | 5 | 6 | — | — | 1 | — | — | — | 5 | 2 | 2 | 3 | 2 | 2 | 2 | 35 |
| IV | 2 | 5 | 5 | 2 | — | — | — | 2 | 3 | 5 | 2 | 2 | 3 | 1 | 1 | 2 | 35 |
| V | — | 5 | 6 | 1 | 5 | — | — | 2 | 4 | 6 | 2 | 2 | 3 | 1 | 1 | 2 | 40 |
| VI | — | 5 | 6 | 1 | 5 | — | — | 2 | 4 | 6 | 2 | 2 | 3 | 1 | 1 | 2 | 40 |

אחוצדעם 2 שעה אין וואך כאר-געזאנג.

פארוואלטער פון „תורת-אמת" ש. אייזיקאוו.

ווילנע, 15 אוגוסט 1921.

# די קינדער־ביבליאָטעק ביי דעם יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע.

די ערשטע קינדער־ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון א. לאַנדוי ביים יידישן צ. ב. ק. איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1909 דורך דער געזעלשאַפט „קינדער־פאַרזאָרגונג“. דער נוצן פון אַזאַ ביבליאָטעק האָט זיך באַלד גאַנץ בולט אַרויסגעוויזן. די צאָל קליינע לעזער איז שנעל געוואַקסן און איז געוואָרן אויף אַזוי פיל גרויס, אַז דער קאָמיטעט פון דער ג. ק. פּ. איז אין אַ יאָר אַרום געווען געצוואונגען צו עפענען אַ צווייטע קינדער־ביבליאָטעק (ענדע 1910 יאָר).

פון אָנפאַנג האָט מען די ביבליאָטעק געעפנט אויף קליין־שניפּישאָק; אָבער דאָרטן האָט די צאָל לעזער דערגרייכט נאָר ביז 70, און דעריבער האָט מען זי גלייך אַריבערגעטראָגן אויף זאַוואַלנע גאַס נומ׳ 30 אין רעכטן יידישן צענטער. די צאָל לעזער איז אין משך פון אַ קורצער צייט דערגאַנגען ביז 400. בכלל איז די צאָל לעזער אין ביידע ביבליאָטעקן געוואַקסן פון יאָר צו יאָר. דהיינו: לויט די באַריכטן פון דער ג. ק. פּ. זעען מיר, אַז אין יאָר 1909 האָבן די 1־טע ק. ב. באַזוכט אַן ערך 327 לעזער; אין יאָר 1910 492 לעזער; אין 1911 יאָר רעכנט זיך אין דער 1־טער ק. ב. 490 לעזער און אין דער 2־טער ק. ב. 400.

גלייכצייטיק מיט דער צאָל לעזער פאַרגרעסערט זיך אויך די צאָל ביכער. למשל: אין באַריכט־יאָר 1900 פאַרמאָגט די 1־טע ק. ב. 900 עקזעמפּליאַרן; אין 1910 פאַרגרעסערט זיך דער סכום ביכער ביז 1390 עקז.; — אין 1911 ביז 1550 עקז. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ קליינער סכום עקז. האָט לחלוטין ניט געקענט באַפרידיקן די גרויסע פאָדערונג צום בוך פון דעם קליינעם לעזער (דאָס ווערט, אגב, באַשטעטיקט אויך אין די באַריכטן פון יענע יאָרן). ס׳איז געווען אָנצווייזן, אַז פאַרן יאָר 1912 זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ביידע קינדער־ביבליאָטעקן 44.164 ביכער. אויף אַזאַ אופן קומט אויס, לויט דער סטאַטיסטיק, אַז יעדעס בוך האָט זיך באַוועגט דורכשניטלעך העכער 20 מאָל דורכן יאָר. אַזאַ מין ערשיינונג האָט געשטופּט די ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג, און אויך דעם קאָמיטעט פון דער געזעלשאַפט, אָנצונעמען ענערגישע טריט צו פאַרגרעסערן דעם סכום ביכער אין די ביבליאָטעקן און געפינען דערצו די נייטיקע מיטלען. גראָד צו יענער צייט האָבן זיך געווענדעט די קינדער פון פאַרשטאָרבענעם א. לאַנדוי (געוועזענער רעדאַקטאָר פון „וואָסכאָד“) פון פּעטערבורג צום קאָמיטעט פון ג. ק. פּ. מיט אַ פאָרשלאָג, אָנצורופן איינע פון די אַנשטאַלטן, וועלכע געהערן דער געזעלשאַפט, אויפן נאָמען פון זייער פאַרשטאָרבענעם פאָטער און האָבן דערפאַר פאָרגעלייגט אַ געוויסע סומע געלט. דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן אָנצורופן אויפן נאָמען פון א. לאַנדוי די ערשטע קינדער־ביבליאָטעק, און די באַקומענע 3000 רובל פאַרניצן בלויז אויף ביכער. ביי יענער צייט, ווען די מקחים פון ביכער זיינען געווען שפּאָט ביליג, האָט מען אויסגערעכנט, אַז די 3000 רובל צוזאַמען מיט די פּראָצענטן קען קלעקן אויף צו קויפן גאַנצע צען יאָר נאָכאַנאַנד אַ באַדייטנדן סכום ביכער יערלעך.

באַלד האָט גענומען אַרבעטן אַ ספּעציעלע ליטעראַריש־פּעדאַגאָגישע קאָמיסיע און האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ רשימה פון דער בעסטער קינדער־ליטעראַטור. מיט דער רשימה האָט מען דעלעגירט אַ ספּעציעלן מענטשן (ט. מ. בראַמסאָן — איינער פון די טעטיקסטע מיטגלידער פון דער ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג אין יענער צייט) קיין פּעטראָגראַד — און געגעבן אים די פולמאַכט איינצוקויפן די נייטיקע ביכער. אין פּעטראָגראַד איז די רשימה קאָנטראָלירט געוואָרן דורך אַ צווייטער קאָמיסיע — אין וועלכער עס זיינען אַריין אייניקע ספּעציאַליסטן אויף קינדער־ליטעראַטור ווי: קאַלמיקאָווא און אַנדערע.

דער שליח האָט זיך אומגעקערט מיט עטלעכע קאַסטנס ביכער נייע און גניצטע. אַ פרישער ברייטער שטראָם האָט זיך אַריינגעגאָסן אין לעבן פון דער ביבליאָטעק. די אַרבעט איז אַוועק אין דער ברייט. גלייכצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַרבעט אַ אינערלעכע אין דער טיף. ערשטנס האָט מען איינגעפירט אַ סך טעכנישע נייס: אַ נייעם אינווענטאַר־בוך, צוויי קאַרטן־קאַטאַלאָגן, אַ קאַטאַל־קאַרטן־קאַטאַלאָג און אַ פּאַס־קאַרטן־קאַטאַלאָג לויטן אלף־בית; אַ טאָג־בוך, אין וועלכן עס ווערן אַריינגעפירט די צאָל אַרויסגעגעבענע ביכער לויט די שפּראַכן און אָפּטיילונגען, אויך די לעזער לויט דער צעטיילונג פון די שולן, וועלכע זיי באַזוכן, די באַשעפטיקונג פון די עלטערן און דאָס עלטער פון די לעזער און געשלעכט. ווייטער האָט מען אָנגעהויבן פון צייט צו צייט שמועסן מיט די קינדער, מאַכן מיט זיי שפּאַציר־גענג היינטערן שטאָט. דאָס קינד האָט זיך צוגעבונדן צו דער ביבליאָטעק, האָט זי ליב באַקומען און פלעגט דאָרט פאַרברענגען גאַנצע שעהן נאָכן בייטן דאָס ביכל, און ווען מ׳פלעגט אים בעטן פאַרלאָזן דאָס צימער פון ביבליאָטעק מחמת ענגשאַפט, פלעגט ער זיך אַוועקזעצן אויף די טרעפּ און לייענען דאָס באַקומענע ביכל



קיין באַריכטן פון די יאָרן 1913, 1914 זיינען ניטאָ, און דעריבער איז אוממעגלעך אָנצווייזן וועלכע ס׳איז ציפער וועגן דער צאָל פון די לעזער אָדער אַרויסגעגעבענע ביכער פאַר די יאָרן. אַלנפאַלס האָט געהערשט אין דער ביבליאָטעק אַ גרויסע אויפלעבונג; עס איז געטאָן געוואָרן אַ גרויסע קולטורעלע שאַפונגס־אַרבעט.

אָנהייב 1914 יאָר האָט די ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג באַשלאָסן צו עפענען אַ דריטע קינדער־ביבליאָטעק אויף נאָווגאָראָד, אין געדיכטן צענטער פון דער יידישער אָרימקייט (דער ציל פון דער קינדער־ביבליאָטעק איז אַלעמאָל געווען צו באַדינען די קינדער פון די ברייטע יידישע פאָלקסמאַסן).

ס׳איז אויך אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּראָיעקט צו עפענען אַ לייענזאַל פאַר די קינדער ביי דער ערשטער ביבליאָטעק, ווייל די נייטיקייט אין אַזאַ לייען־זאַל איז שוין צו יענער צייט רייף געוואָרן און האָט זיך שטאַרק געפילט.

נאָך אַ סך, אַ סך שריט זיינען געווען דאַמאָלסט אָנגעמערקט, כדי צו פאַרברייטערן און פאַרטיפערן די אַרבעט אויף דעם געביט פון דער קינדער־ביבליאָטעק־אַרבעט.

אָבער אַלע פּלענער זיינען צעשטערט געוואָרן דורך נאַכט. די וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן פּלוצלונג, אומגעריכט, און אַלע מוחות זיינען צומישט געוואָרן. דעם ערשטן האַלבן יאָר פון דער מלחמה האָט זיך אין ווילנע אָפּגעשטעלט דאָס גאַנצע לעבן, און ממילא אויך דאָס געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע לעבן.

אַלע געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן זיינען פאַרבליבן אָן טוער, אָן שום מיטלען. די טעטיקסטע טוער פונם דאַמאָלסטיקן קאָמיטעט פון דער ג. ק. פּ. זיינען מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי (ד״ר קאָוואַרסקי, ד״ר סאָלאָנאָוויטש).

זעלבסטפאַרשטענדלעך האָבן זיך אַלע נעשעענישן אָפּגעשפּיגלט אויך אין אונזער אַנשטאַלט.

אין אַ האַלב יאָר אַרום נאָך דעם ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָט זיך אָבער די עקאָנאָמישע לאַגע אין שטאָט גענומען פאַרבעסערן; עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע אויפלעבונג, אַ באַוועגונג. דער מסחר האָט אַדאַנק דער מלחמה אויפגעבליט און אין שטאָט האָבן גענומען אַריינפליסן גרויסע געלט־סומעס.

אויך אין די געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן האָט זיך די לאַגע פאַרבעסערט.

די קינדער־ביבליאָטעק איז ווידער פול געוואָרן מיט קליינע לעזער, און באַלעבט געוואָרן דורך זיי. נאָר ניט לאַנג האָט דאָס געדויערט. אין מיטן זומער 1915 יאָר האָבן זיך ביי אונז אין שטאָט אָנגעהויבן די מהומות דורך די דייטשע אַעראָפּלאַנען און די אָקאָפּעס וכדומה. גלייך נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן די עוואַקואַציע פון שטאָט.

די ביבליאָטעק איז פוסט געוואָרן. צי האָט דען דעם קינד דאַמאָלסט געקענט ליגן אין זינען דאָס באַליבט ביכל?! אָט האָט מען געכאַפּט אויף אַרבעט זיין ברודער, זיין פאָטער, און אָט אַנטלויפט מען גאָר פון שטאָט מיט דער גאַנצער משפחה, וואוהין די אויגן טראָגן.

דעם 5־טן סעפּטעמבער 1915 יאָר האָבן די דייטשן פאַרנומען ווילנע. די שטאָט איז אָפּגעריסן געוואָרן פון דער גאַנצער וועלט, נאָר אין שטאָט גופא האָט מען גענומען קומען ביסלעכווייז צו זיך.

אויך דאָס לעבן אין ביבליאָטעק האָט גענומען אַריינגיין אין זיין נאָרמע. די צווייטע קינדער־ביבליאָטעק האָט מען לגמרי פאַרמאַכט נאָך בשעת עס האָט זיך אָנגעהויבן די עוואַקואַציע, ווייל קיין אויסזיכטן אויף מיטלען האָט זיך ניט פאָראויסגעזען. די ביכער האָט מען איבערגעפירט אין דער ערשטער ביבליאָטעק (זייער אַ גרויסער טייל ביכער פון ביידע ביבליאָטעקן זיינען דאַמאָלסט פאַרלאָרן געגאַנגען ביי די לעזער, וועלכע האָבן פאַרלאָזן די שטאָט בעתן עוואַקואירן זיך, און באַזונדערס פיל ביכער פון דער צווייטער ביבליאָטעק, מחמת זי האָט זיך ליקווידירט אינגאַנצן).

דער קאָמיטעט פון דער ג. ק. פּ. האָט פאַר זיין אַוועקפאָרן (ער איז אינגאַנצן אַרויסגעפאָרן אין רוסלאַנד) אַרויסגעטראָגן אַ באַשלוס, אַז אַלע פאָנדסומעס, וועלכע געפינען זיך אין רשות פון זיינע אַנשטאַלטן, מעגן אויסגעניצט ווערן דורך די לעצטע אויף לויפנדיקע הוצאות. היות ווי די ערשטע קינדער־ביבליאָטעק האָט נאָך געהאַט אַ פאָנד פון לאַנדויס געלט (וועלכע איז פריער געווען באַשטימט אויף איינצוקויפן ביכער), האָט זי געקענט אָנהייבן נאָרמאַל צו פונקציאָנירן. אינגיכן האָבן זיך אין דער ערשטער קינדער־ביבליאָטעק קאָנצענטרירט

רי לעזער פון ביידע ביבליאָטעקן, און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ גרויסע לעבּ־האַפטע באַוועגונג אין דער ק. ב. ס׳איז כדאי צו אונטערשטרייכן, אַז די ערשטע צוויי יאָר פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט די אינטענסיוויטעט פון לייענען אין דער קינדער־ביבליאָטעק דערגרייכט דעם העכסטן גראַד—מער פאַר דער גאַנצער צייט פון איר באַלד 13־יאָריקער עקסיסטענץ. די טעגלעכע באַזוכונג פלעגט דערגרייכן ביז 300 קינדער. פאַר דעם יאָר 1915 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן 41.412 ביכער, אין 1916 יאָר 41.528.

וואָס מערער דאָס לעבן אין שטאָט איז געוואָרן שרעקלעכער, דער הונ־גער שטאַרקער, אַלץ אינטענסיווער איז געוואָרן דאָס לעבן אין דער קינדער־ביבליאָטעק.

ווינטער 1915 יאָר האָט מען ביי דער ביבליאָטעק געעפנט אַ לייענזאַל (אָן אָפּצאָל). און הונדערטער קינדער פלעגן באַזוכן דעם זאַל — געפינענדיק דאָרטן אויסער אַ אינטערעסאַנט באַליבט ביכל, אַ וואַרים און ליכטיק ווינקעלע זיך אָפּצורוען פון קעלט און פינסטערניש, וועלכע האָט געהערשט אין זייערע היימען (אין יענע שרעקלעכע הונגער־יאָרן זיינען גראָד יענע צוויי ווינטערן גע־ווען זייער שטרענגע).

אין די ווייטערדיקע צוויי יאָר פון דער דייטשער אָקופּאַציע, ד. ה., 1917, 1918 פאַלט די אינטענסיוויטעט פון לייענען ביי די קינדער. די צאָל אַרויסגעגעבענע ביכער פאַר די צוויי יאָר האָט זיך באַדייטנד פאַרקלענערט— דהיינו: אין 1917, זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן 24.293 עקז. (געפאַלן כמעט אויף אַ העלפט ווי אין 1916 יאָר), אין יאָר 1918—28.226 עקז.

די סיבות דערפון זיינען פאָלגנדיקע: 1) עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די אויסוואַנדערונג פון שטאָט אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך; 2) די קינדער זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַלגעמיינעם „שמוגל״, וועלכער האָט אַרומגע־כאַפּט דעם גרעסטן טייל פון דער אויסגעמאַטערטער און הונגעריקער באַפעל־קערונג. די קינדער זיינען געוואָרן „גייערס״ אין דאָרף; זיי זיינען אויך אַרויס אויפן גאַס פאַרקויפן קאַרטאָפל־באַבקע, פּאַפּיראָסן, אונטערטראָגן דעם דייטש אַ פּעקל א. א. וו., א. אַ. וו.

אין 1919 יאָר פאַלט די צאָל אַרויסגעגעבענע ביכער נאָך נידעריקער, ביז 23.376. נאָר דאָ ליגט שוין אַן אַנדער סיבה. די געשעענישן פון יענעם יאָר האָבן זיך בולט אָפּגעשפּיגלט אין אונזער אַנשטאַלט. די דייטשן פאַרלאָזן די שטאָט, און עס קומען אָן די באָלשעוויקעס. דער הונגער ווערט גרויס. ווייטער קומען אָן די בלוטיקע אַפּריל־טעג. די ביבליאָטעק גופא האָט ניט ווייניק געליטן אין יענע טעג, מ׳האָט צעבראָכן די טירן, אַרויסגעשמעטערט אַלע ביכער פון די שאַפן, צעגנבעט די לאָמפּן, אַראָפּגעריסן אַלע דראָטן פון דער עלעקטרי־שער באַלייכטונג. שוידערלעך איז געווען דאָס בילד, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר אונזערע אויגן, ווען מיר זיינען דעם ערשטן מאָל געקומען אין ביבליאָטעק נאָך יענע טעג.

ניט קוקנדיק אויף די שווערע מלחמה־יאָרן מיט אירע אַלע פּלאָגן און צרות, האָט די קינדער־ביבליאָטעק שטענדיק געשטרעבט גובר צו זיין אַלע שטע־רונגען און אָפּצוהיטן אירע טראַדיציעס, אַלס די איינציקע יידישע געזעלשאַפט־לעכע און צוטריטלעכע קינדער־ביבליאָטעק אין ווילנע.

אויב די קינדער־ביבליאָטעק האָט אַלס אַזעלכע געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער מאָדערנער ערציאונג פון אונזערע קינדער אין שלום־צייטן, האָט זי אין מלחמה־צייט געפונען נאָך אַ גרעסערן אָרט פאַר טעטיקייט אויפן געביט פון ערציאונג אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אויפבויאונג פון דער יידישער נאַציאָנאַל־וועלטלעכער שול.

אין קינדער־ביבליאָטעק ווערן אַרויסגעגעבן קינדער־ביכער אין יידיש, העברעאיש און רוסיש, עס איז שוין געווען אַ כלל, אַז יידישע קינדער לייענען דאָס רוב רוסישע ביכער און מ׳האָט זיך צו דעם אַזוי צוגעוויינט, אַז מ׳פלעגט אפילו ניט האַלטן פאַר נייטיק צו ריידן וועגן דעם. די סיבות דערפון זיינען זעלבסטפאַרשטענדלעכע: — יידישע קינדער־ליטעראַטור איז כמעט ניט געווען אויפן ביכער־מאַרק, אין דער אַמאָליקער שול האָט געהערשט אַלס אונטערריכט־שפּראַך— רוסיש, און נאַטירלעך האָט דאָס קינד געלייענט אַ רוסיש ביכל גערנער אַלס אַ יידיש (הגם ער האָט עס אָפט ניט פאַרשטאַנען), איבערהויפּט די יידישע תּלמידים פון די אַמאָליקע קרוינישע פאָלקס־שולן (—און די תּלמידים פון די פאָלקס־שולן בילדן שטענדיק דעם באַדייטנדסטן פּראָצענט פון אונזערע לעזער). אגב, קען מען באַמערקן, אַז אַ גרויסער טייל פאָלקס־קינדער, דהיינו: תּלמידים פון אַמאָליקע ת״ת און חדרים, זיינען לגמרי געבליבן אָן אַ שום בוך—ווייל קיין רוסיש פלעגט מען אין די חדרים און ת״ת ניט לערנען, און העברעאיש לייענען אַ קליינער פּראָצענט קינדער.

נאָר אָט האָט אָנגעהויבן אויפצובליען די נייע יידישע פאָלקס־שול מיט דער אונטערריכט־שפּראַך אויף יידיש, און אויך אין ביבליאָטעק נעמט הערשן אַן אַנדער גייסט. די פאָדערונג פון יידישן קינדער־בוך וואַקסט פון יאָר. מיר ברענגען דאָ אייניקע ציפער פון דער צאָל אַרויסגעגעבענע ביכער פאַר די לעצטע 6 יאָר לויט זייער צוטיילונג נאָך די שפּראַכן:





| יאָר | רוסישע ביכער | יידישע | העברעאישע | ס״ה |
| --- | --- | --- | --- | --- |
| 1915 | 36.655 (88,5%) | 1.100 (2,7%) | 3.657 (8,8%) | 41.412 |
| 1916 | 35.175 (84,7%) | 1.889 (4,5%) | 4.467 (10,8%) | 41.528 |
| 1917 | 18,025 (77, %) | 2.705 (11, %) | 3.563 (15, %) | 24.293 |
| 1918 | 16,509 (59, %) | 8.118 (29, %) | 3.509 (12, %) | 28.226 |
| 1919 | 15.514 (66, %) | 5.530 (24, %) | 2.332 (10, %) | 23.376 |
| 1920 | 14,008 (38, %) | 20.235 (55, %) | 2.566 (7, %) | 36.809 |

באַטראַכטנדיק די אויבנגעוויזענע ציפער — באַמערקט מען ווי די צאָל אַרויסגעגעבענע ביכער אין יידיש וואַקסט—אומגעהויער—אַזוי: אַנשטאָט 2,7% (1915 יאָר) ביי אַ גרעסערן ס״ה—באַקומט זיך 55% (1920), ביי אַ קלענערן ס״ה—אָדער אַנשטאָט 1.100 ביכער 20,235 ביכער. — דער פּראָצענט לעזער אין יידיש וואַקסט אויפן חשבון דאָס רוב פון רוסיש (העברעאיש פאַרקלענערט זיך אפילו, נאָר ניט אַזוי ווי רוסיש)—אין 1915 בילדעט דער פּראָצ. אַרויסגעג. ביכער אויף רוסיש 88,5%; אין 1920—מער ניט ווי 38% (העברעאיש — 1915, 8,8; — 1920 — 7%).

נאַטירלעך דער סכום יידישע עקזעמפּליאַרן גופא אין דער ק־ב וואַקסט צוזאַמען מיטן קליינעם לעזער פון יידישן בוך. ביז 1912 יאָר האָט זיך אין קינדער־ביבליאָטעק קיין יידיש ביכל ניט געפונען (העברעאישע האָט מען אָנגע־הויבן איינקויפן פאַר דער ביבל. אין 1913 יאָר—מיט אַ יאָר שפּעטער ווי יידישע), נאָך אין 1915 יאָר רעכנט זיך אין ביבליאָטעק מער ניט ווי 500 עקז., יידישע קינ־דער ביכלעך—ערשט רעכנט זיך אין ק־ב. העכער 3000 עקז. וואָס בילדעט 30% פון אַלגעמיינעם סכום ביכער (דער אַלגעמיינער סכום רעכנט זיך איבער 10.000 עקז. קינדער ביכער אין אַלע דריי שפּראַכן — דעם גרעסטן פּראָצענט שטעלן פאַר די רוסישע ביכער, ביז 60% אָדער 6000 עקז. — אויף העברעאיש בלייבט נאָר 10%—אָדער 1000 עקז.)

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ סכום ביכער אין יידיש באַפרידיקט לחלוטין ניט די גרויסע צאָל לעזער—די מער באַליבטע ביכער „רוען״ זיך קיין מאָל ניט אָפּ אויף די פּאָליצעס פון דער ביבליאָטעק, זיי גייען איבער פון האַנט אין האַנט. שטענדיק איז אויף זיי אַ ריי, איינער באַשטעלט ביי דעם צווייטן, איידער ער האָט נאָך אים אָפּגעגעבן דעם ביבליאָטעקאַר, מ׳פילט זיך ניט אפילו צו נעמען דעם אַדרעס פון אַ לעזער און גיין צו אים אַהיים באַשטעלן דאָס געווינשטע ביכל. אמת, עס ווערן אָנגענומען אַלע מיטלען, כּדי צו פאַרגרעסערן די צאָל עקזעמפּליאַרן אין דער ביבליאָטעק, די הוצאות אויף ביכער בילדן דעם באַדייטנדסטן טייל אין ביבליאָטעק־ביודזשעט, — נאָר דער מאַנגל אין יידישן בוך איז נאָך גענוג גרויס. ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די לעצטע צייט ווערט אַרויסגעגעבן זייער פיל קינדער־ליטעראַטור אָריגינעלע און איבערזעצטע —איז דאָך זייער ווייניק נעמען פון יידישע קינדער־ביכער.—ס׳איז שווער אָנצווייזן די צאָל נעמען—נאָר ס׳איז גענוג צו זאָגן, אַז צווישן די 3000 קינדער־ביכער—זיינען כמעט אַלע אין 5, 10 און אפילו 20 עקזעמפּליאַרן.—עס איז אַ גאַנץ אָפטע ערשיינונג אין דער ביבליאָטעק, ווען אַ לעזער גייט אַוועק אָן אַ בוך (אַ יידיש). יערלעך באַזוכן די קינדער־ביבליאָטעק איבער צוויי טויזנט קינדער—זיי געהערן צו אַלע טיפּן שולן— דאָ קען מען טרעפן תּלמידים אין די פילפאַרביקע היטעלעך פון די פאַרשיידענע רוסיפיקאַטאָרישע מיטל־שולן — „אָרסאַ״, אָראָ, אָרז וכדומה מינים „אָרזן״ און „אָרסן״ — (זיי לייענען געוויינלעך רוסיש), ווייטער גייען קינדער פון אַלע טיפּן חדרים, תּלמוד־תּורות, תּלמידים פון די יידישע העברעאישע פאָלקס־שולן, העב־רעאישע גימנאַזיע און רעאַל־גימנאַזיע, זייער אַ גרויסן פּראָצענט צווישן די לעזער בילדן די אויסערשול־קינדער—דאָס זיינען אָדער קינדער, וואָס לערנען זיך אין דערהיים—אָדער לערנען זיך גאָר ניט (צווישן זיי מינדעריעריקע אַרבעטער־לערנ־יינגלעך). מיט דער ביבליאָטעק באַנוצן זיך גאַנצע אַנשטאַלטן, וועלכע נעמען אַ געוויסן סכום ביכער פון דער ק־ב און בייטן זיי צווישן זייערע תּלמידים אין אַנשטאַלט גופא. דהיינו, עס האָבן זיך אויסגענוצט מיט דער ק־ב פאָלגנדע אַנשטאַלטן אין 1920. 1) אחיעזר, 2) תּורת ישראל, 3) קינדער־קראַנקנהויז 4) קאָלאָניע פאַר שוואַכע קינדער, 5) יידישער יתומים־הויז א. אַנד.

די פאָלגנדיקע טאַבעלע וועט אילוסטרירן די באַוועגונג פון די לעזער אין קינדער־ביבליאָטעק:

1) לויט די לערנאַנשטאַלטן:

| | חדר | פאָלקס־שול | מיטל־שול | אינדערהיים | אומבאַשטימט |
| --- | --- | --- | --- | --- | --- |
| 1918 י׳ | 14% | 24% | 23% | 32% | 7% |
| 1919 י׳ | 14% | 23% | 28% | 29% | 6% |
| 1920 י׳ | 14% | 42% | 21,5% | 13,5% | 9% |

2) די באַוועגונג פון די לעזער לויט דער באַשעפטיקונג פון די עלטערן:

| יאָר | האַנטווערקער | האַנדלס-אַגעגעשט. | קרעמער און פאַרמיטלער | סוחרים | אינטעליגענטע פּראָפעסיעס | גייסטלעכע | אומבאַשטימטע |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1918 | 27,3% | 5,2% | 29% | 12% | 5,6% | 1,1% | 19,8% |
| 1919 | 27% | 6% | 28% | 12% | 6% | 1% | 20% |
| 1920 | 29% | 5% | 26% | 13% | 5% | 1% | 21% |

3) די באַוועגונג פון די לעזער לויט די עלטער-יאָרן:

| יאָר | 5—7 | 8 | 9 | 10 | 11 | 12 | 13—15 | אומבאַשטימטע יאָרן |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1918 | 10,5% | 12,5% | 19,7% | 20,5% | 13,3% | 11,8% | 11% | 1,2% |
| 1919 | 10% | 13% | 19% | 20% | 15% | 12% | 10% | 1% |
| 1920 | 8% | 12% | 15% | 22% | 16% | 16% | 9% | 1% |

4) די באַוועגונג פון די לעזער לויטן געשלעכט:

| יאָר | ייִנגלעך | מיידלעך |
|---|---|---|
| 1918 | 42% | 58% |
| 1919 | 40% | 60% |
| 1920 | 38% | 62% |

באַטראַכטנדיק די טאַבעלע נומ' 1—זעען מיר, אַז דעם גרעסטן פּראָצ. לעזער שאַפן די קינדער פון פאָלקסשול, אַזוי אין 1920 יאָר איז 42 פּראָצ. קינדער פון פאָלקסשולן און 14 פּראָצ. קינדער פון חדר (אין דעם גייען אַריין אַלע טיפּן ת"ת און חדרים).

לויט דער סאָציאַלער לאַגע פון די עלטערן זעען מיר, אַז די לעזער זיינען הויפּטזעכלעך קינדער פון האַנטווערקער (ביז 29 פּראָצ.), קרעמער (פון 26 ביז 29 פּראָצ.), און מענטשן פון אומבאַשטימטע פּראָפעסיעס (21 פּראָצ.) (טאַבעלע נומ' 2), סוחרים, אינטעליגענטן און אַנד. בילדן אַ קליינעם פּראָצענט פּאַרהעלטניסמעסיק.

לויט דער טאַבעלע נומ' 3 זעען מיר, אַז דער גרעסטער טייל לעזער זיינען קינדער פון 10 ביז 12 יאָר. פון 13 יאָר אָן פּאַרקלענערט זיך דער פּראָצענט. ווייל אין דעם עלטער גייען די לעזער אַריבער אין דער ביבליאָטעק פאַר דערוואַקסענע („מפיצי-השכלה-ביבליאָטעק").

לויט דער טאַבעלע נומ' 4 באַמערקט זיך, אַז מיידלעך לייענען שטענדיק מער ווי ייִנגלעך. די סיבה דערפון איז שווער צו ערקלערן.

שטענדיק האָט די ערציִעריש-פּעדאַגאָגישע זייט פאַרנומען אַ בכבודיקן אָרט אין דער קינדער-ביבליאָטעק; קיין ניי בוך איז ניט אַריינגעפירט געוואָרן אין דער ביבליאָטעק אָן דעם הסכם פון אַ ספּעציעלער ליטעראַריש-פּעדאַגאָגישער קאָמיסיע, וועלכע איז באַקאַנט מיט דער קינדער-ליטעראַטור. יעדעס בוך ווערט אַרויסגעגעבן אונטער אַ שטרענגער קאָנטראָלע פון די מיטאַרבעטער אין דער קינדער-ביבליאָטעק. עס ווערט געלייגט פיל אַכט, אַז דאָס בוך זאָל זיין צוגעפּאַסט צום עלטער און דער אַנטוויקלונג פון קינד. קינדער בכלל איז זיך שווער אַליין צו אָריענטירן אין אַ קאַטאַלאָג און אין דער ביבליאָטעק זיינען אויסגעשטעלט טאַבעלן מיט די נעמען פון די באַליבטסטע ביכער פון די קינדער אין אַלע דריי שפּראַכן. עס ווערט אויך קאָנטראָלירט פון צייט צו צייט, ווי דאָס קינד האָט פאַרשטאַנען דאָס בוך.

צווישן אַ סך אַנדערע נעגאַטיווע זייטן פון דער קינדער-ביבליאָטעק, וועגן וועלכע מיר וועלן דאָ ניט ריידן, איז כדאַי אָנצומערקן, אַז דאָס ייִדישע קינד האָט זיך זייער שלעכט צום בוך בכלל, באַגייט זיך מיט אים מיט צו ווייניק אַכטונג, שאַנעוועט עס ניט: — אָפט ווערן אויף דעם געלייענטן בוך געמאַכט פאַרשיידענע אויפשריפטן, אָפט ווערט דאָס בוך איינגעשמוצט, אַפילו צעריסן. ביים באַקומען צוריק דאָס בוך פון דעם לעזער, איז עס זייער שווער צו קאָנטראָלירן, איבערהויפּט ווען אַ סך קינדער קומען זיך צונויף אויף אַ מאָל צו בייטן. עס ווירקן שוואַך פאַרשיידענע שטראָפן, וועלכע ווערן אַרויפגעלייגט אויף דעם יונגן לעזער, ווי למשל, אָפּנעמען דאָס רעכט צו בייטן אויף איינקע טעג—אָדער געלט-שטראָפן, בפרט אַז אַזעלכע מיטלען זיינען בכלל ניט פּעדאַגאָגיש.

דעריבער זיינען די לעצטע צייט אָנגעווענדן געוואָרן טריט צו ערציִען דאָס קינד אין דער היגיענע, איינגעוויינען עס זיך באַגיין מיטן בוך מיט מער אַכטונג, אויפמערקזאַמקייט און ליבשאַפט.

צוליב דעם צוועק זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אין לייענזאַל—וועלכער פונקציאָנירט ביי דער ביבליאָטעק און ווערט זייער אינטענסיוו באַזוכט פון קליינעם עולם,—אַ ריי שמועסן מיט די לעזער אויף די טעמעס, וועלכע האָבן אַ נאָענטע שייכות צום בוך, עס זיינען געפירט געוואָרן, למשל, אַזעלכע שמועסן און פאָרלעזונגען:

1) די געשיכטע פון אונזער ביבליאָטעק.
2) די קינדער-ביבליאָטעקן אין אַמעריקע און אייראָפּע.
3) די געשיכטע פון בוך.
4) די געשיכטע פון אלף-בית.

די לעזער מאַכן אָפט אַלגעמיינע פערזאַמלונגען אין וועלכע עס ווערן אַרומגערעדט די אַלגעמיינע ענינים פון ביבליאָטעק-לעבן. די קינדער זיינען אויך צוגעצויגן צו דער פּראַקטישער אַרבעט פון דער ביבליאָטעק גופא, די לעזער האָבן זייער זעלבסטפאַרוואַלטונג, וועלכע איז אויסגעקליבן געוואָרן אויף אַ אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די לעזער. עס האָט זיך געשאַפן אַ מין ביבליאָטעק-קאָמיסיע פון די לעזער, וועלכע אַרבעט זייער טיכטיק. צווישן אַנדערע פליכטן, ליגט אויף דער קאָמיסיע דער חוב אויפצומאָנען די פאַרפאַלענע ביכער ביי די לעזער סיי אין די שולן, סיי אין דערהיים און דאָס אַלץ ווערט דורכגעפירט מיט גרויס ערפאָלג. ערשט זיינען אָנגעמערקט אַ גאַנצע ריי פּראָיעקטן בנוגע דעם לייענזאַל; עס פּראָיעקטירט זיך גרינדן אַ קלוב ביי דער ביבליאָטעק. מ'האָט באַשלאָסן איינלאַדן אַ ספּעציעלן מיטאַרבעטער אויף אַ פּאָר שעה אין טאָג צו פירן די אַרבעט אין לייענזאַל. אין דעם אויסגעאַרבעטן פּראָיעקט גייען אַריין: — 1) ערציילונגען קינסטלעריש, 2) שמועסן אַרום געלעזענעם בוך, 3) אָדער פאַרלייענען אַ וועלכעס ניט איז בוך, 4) פון צייט צו צייט פירן וויסנשאַפטלעכע שמועסן און נאָך אַ סך ענלעכע זאַכן. דער ציל פון דעם אַלץ איז איינצוגעוויינען דעם קליינעם לעזער, אויסצולערנען אים, געבן אים צו פאַרשטיין, ווי אַזוי מ'דאַרף לייענען אַ בוך, כדי צו קענען אַרויסנעמען פון אים דאָס נוצלעכע און דאָס שיינע. נאָר דאַן וועט דאָס ייִדישע קינד אמת ליב באַקומען דאָס בוך, אים קענען שאַנעווען און פאַרשטיין צו האַלטן טייער און ריין.

אויסער דער קינדער ביבליאָטעק-קאָמיסיע האָט זיך די לעצטע צייט ווידער אָרגאַניזירט אַ ביבליאָטעק-פאַרוואַלטונג, אָדער פּשוט אַ ביבליאָטעק-קאָמיסיע, געוויינלעך פון דערוואַקסענע (אַזאַ ביבליאָטעק-קאָמיסיע האָט שטענדיק עקסיסטירט ביי דער ביבליאָטעק, נאָר די לעצטע 2—3 יאָר איז איר טעטיקייט אָפּגעשוואַכט געוואָרן און גאָר פאַרן לעצטן יאָר האָט זי אינגאַנצן אויפגעהערט צו פונקציאָנירן). אין דער קאָמיסיע גייען אַריין 2 מיטגלידער פון צ. ב. ק. וועלכע דאַרפן שאַפן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט צווישן צענטער. קאָמיטעט און דער ביבליאָטעק אויסער זיי זיינען צוגעצויגן געוואָרן איינקע מיטגלידער, מענטשן, וועלכע זיינען באַקאַנט מיט דער ביבליאָטעק-אַרבעט, האָבן געאַרבעט אויפן געביט פון ביבליאָטעקן בכלל—און קינדער-ביבליאָטעקן בפרט. מ'דאַרף האָפן, אַז די נייע ביבל.-קאָמיסיע וועט מיטהעלפן און מיטווירקן דער ווייטערדיקער אויפבליאונג פון אונזער אַנשטאַלט—איר ווייטערדיקער אַנטוויקלונג אין דער ברייט און אין דער טיף.

**חיה ווייסבאָרד.**

(פאַרוואַלטערין פון דער קינדער-ביבליאָטעק).

פנחס קאָהן.

# די יידישע סטודענטנשאַפט אין ווילנער אוניווערסיטעט פאַר די יאָרן 1919—1922.

## I. די עפענונג פון אוניווערסיטעט.

נאָכן איינגעמען ווילנע אין אַפּריל 1919 האָט די פּוילישע מאַכט אָנגעהויבן די צוגרייטונגען צו עפענען דעם אַלטן פּוילישן אוניווערסיטעט*).

די יידישע געזעלשאַפט, נאָך אויפגערודערט פון די איבערלעבונגען אין די שרעקלעכע אַפּריל־טעג, האָט זיך צו די דאָזיקע הכנות באַצויגן פּאַסיוו.

זייער פייערלעך איז פאָרגעקומען די עפענונג פון אוניווערסיטעט שבת דעם 11־טן אָקטאָבער 1919 דורכן מלוכה־שעף יוזעף פּילסודסקי אין דער געגנוואַרט פון אַ סך געסט, וועלכע זיינען אָנגעפאָרן פון אַלע קאַנטן פּוילן און אויסלאַנד. אויף דער עפענונג איז אויך ספּעציעל געקומען פון פּאַריז דער גרייז־גרויער פּראָפ. וולאַדיסלאַוו מיצקעוויטש, דער זון פונם גרויסן פּוילישן דיכטער אַדאַם מיצקעוויטש (סטודענט פון ווילנער אוניווערסיטעט אין די יאָרן 1815—1819).

אין זיין עפענונגס־וואָרט האָט דער מלוכה־שעף, ווינטשנדיק דעם אוניווערסיטעט אויפבלונג, צווישן אַנדערן געזאָגט: „זאָל דער אוניווערסיטעט ניט

*) דער פּוילישער אוניווערסיטעט אין ווילנע איז געגרינדעט געוואָרן דורך קיניג סטעפאַן באַטאָרי אין יאָר 1578 און די לייטונג איז דורך אים איבערגעגעבן געוואָרן די יעזואיטן, וועלכע האָבן דאַמאָלסט געשפּילט אין לאַנד אַ וויכטיקע ראָלע. דער ערשטער רעקטאָר איז געווען דער באַרימטער פּוילישער יעזואיט קסיאָנדז פּיאָטר סקאַרגאַ. אַלס Academia et Universitas Societatis Jesu האָט דער אוניווערסיטעט עקסיסטירט ביזן יאָר 1773. אין רעם יאָר האָט דער פּויפּסט קאַסירט דעם יעזואיטישן אָרדען און דער אוניווערסיטעט איז אַריבער צו דער מלוכישער בילדונגס־קאָמיסיע (Komisja Edukacyjna) וועלכע האָט דורכגעפירט אַ גרינדלעכע רעפאָרם און געעפנט אַ מעדיצינישן פאַקולטעט. נאָכן אַרונטערפאַלן פון ווילנע אונטער דער רוסישער הערשאַפט, באַקומט דער אוניווערסיטעט אין יאָר 1803 אַ נייעם סטאַטוט פון אַלעקסאַנדער I, לויט וועלכן דער אוניווערסיטעט ווערט סובאָרדינירט דעם פּעטערבורגער בילדונגס־מיניסטעריום אונטערן נאָמען Императорскій Университетъ въ Вильнѣ. דער אוניווערסיטעט, וועלכער געניסט פון אַ ברייטער אווטאָנאָמיע, פאַרלירט אָבער ניט זיין פּוילישן כאַראַקטער. פאַרקערט ער ווערט דער שטאָלץ פון דער פּוילישער וויסנשאַפט און קאָנצענטרירט אין זיך פּוילישע פּראָפעסאָרן מיט אַ אייראָפּעאישן שם, די קאַטעדרעס זיינען באַזעצט דורך אַזעלכע פּראָפעסאָרן ווי יאָאַכים לעלעוועל, די ברידער יענדזשיי און יאַן סניאַדעצקי, טאַדעאוש טשאַצקי, פראַנק (פאָטער און זון), גראָדעק א. אַ. די אונטעררichטס־שפּראַך איז די פּוילישע. אויף אַ הויכער שטופע שטייט אויך די אַקאַדעמישע יוגנט, וועלכע איז אָרגאַניזירט אין פאַרשיידענע פּראָגרעסיווע פאַרבאַנדן (Filareci, Filomaci א. אַ.) אונטער דער פירונג פון מיצקעוויטש, זאַן, טשעטשאָט, יעזשאָווסקי א. אַ. ווילנע ווערט דאַן אָנגערופן „דאָס פּוילישע אַטען“. נאָכן אונטערדריקן דעם פּוילישן אויפשטאַנד פון יאָר 1830 ווערט דער אוניווערסיטעט געשלאָסן דורך דער רוסישער רעגירונג אין יאָר 1832. איינצלנע טיילן פון דעם אוניווערסיטעט, ווי די מעדיציניש־כירורגישע אַקאַדעמיע און די אַקאַדעמיע פאַר גייסטלעכע, האָבן נאָך עקסיסטירט ביזן יאָר 1842.

וועגן יידן אין אַמאָליקן ווילנער אוניווערסיטעט האָב איך צונויפגעזאַמלט פיל מאַטעריאַל, פון וועלכן עס איז צו זען, אַז יידן האָבן שטודירט אין ווילנער אוניווערסיטעט שוין אין די ניינציקער יאָרן פון 18 יאָרהונדערט, דערהויפּט אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט. איך האָב לכתחילה גערעכנט דאָס צו פאַרעפנטלעכן אין די הוספות צו דעם דאָזיקן אַרטיקל. די אַרבעט האָט זיך אָבער שטאַרק פאַנאַנדערגעוואַקסן, אַזוי אַז דער איינהייטלעכער כאַראַקטער פון „פּנקס“, וועלכער איז געווידמעט דעם יידישן לעבן פון דער גאָר־לעצטער צייט, האָט ניט דערלויבט אָפּצוגעבן אַזויפיל אָרט אַ היסטאָרישער מאָנאָגראַפיע. איך האָב דעריבער די פאַרעפנטלעכונג פון דער דאָזיקער מאָנאָגראַפיע אָפּגעלייגט.

אויפן גרונט פון די געזאַמלטע מאַטעריאַלן האָב איך חוה״מ סוכות געלייענט אין דער ווילנער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אַ רעפעראַט א. ד. ט. „יידן אין אַמאָליקן ווילנער אוניווערסיטעט“.

פּ. ק.



זיין פאַר קיינעם דאָס, וואָס עס זיינען געווען פאַר אונז די פרעמדע שולן, וועלכע האָבן געדינט דער שלעכטער זאַך“.

די יידישע ראַטמענער און מיטגלידער פון מאַגיסטראַט האָבן זיך אַנטזאָגט אונטערצושרייבן דעם אַדרעס, וואָס די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט דערלאַנגט דער אוניווערסיטעטס־מאַכט, מאָטיווירנדיק עס דערמיט, וואָס זיי זיינען ניט צוגעצויגן געוואָרן צו דער רעדאַקטירונג פון אַדרעס, אויך דערפאַר וואָס אין דער דעפּוטאַציע, וועלכע האָט דעם אַדרעס געדאַרפט דערלאַנגען, זיינען ניט געווען קיין יידישע פאָרשטייער („טאָג“ נומ׳ 129 פון 1919 יאָר).

פון די יידישע געזעלשאַפטן האָט די עפענונג באַגריסט אַ קרייז יידישע דאָקטוירים, אין וועמעס נאָמען ד״ר א. זאַלקינד האָט דערלאַנגט אַן אַדרעס, געשריבן אין דער לאַטיינישער שפּראַך („טאָג“ נומ׳ 123).

פאַרן עפענען דעם אוניווערסיטעט איז דורך אַ ספּעציעלן דעקרעט פון מלוכה־שעף באַשטימט געוואָרן אַלס רעקטאָר פּראָפעסאָר ד״ר מיכאַל מאַריאַן סיעדלעצקי, פּראָפעסאָר פון זאָאָלאָגיע אין קראָקער אוניווערסיטעט, איינער פון די חשובסטע פּוילישע געלערטע, לאַורעאַט פון דער פּאַריזער אַקאַדעמיע, אָנטיילנעמער אין אַ וויסנשאַפטלעכער עקספּעדיציע אויפן אינזל יאַוואַ. פּראָרעקטאָר איז אינם ערשטן יאָר געווען פּראָפּ. זיעמאַצקי.

אין אָנהייב איז געעפנט געוואָרן דער ערשטער סעמעסטער אויף אַלע 6 פאַקולטעטן: 1) הומאַניסטישער; 2) מאַטעמאַטיש־נאַטורוויסנשאַפטלעכער; 3) יורידישער; 4) מעדיצינישער (מיט פאַרמאַציע); 5) פאַר שיינער קונסט און 6) טעאָלאָגישער (קאַטוילישער). די ווייטערע קורסן עפענען זיך כסדר מיט יעדן יאָר.

## די יידישע סטודענטן.

דער אוניווערסיטעט, וועלכער איז פיל מאָל אָנגערופן געוואָרן דער „צום ווייטסטן אַרויסגערוקטער פאָרפּאָסטן פון דער מערב־קולטור“ האָט לויט דער כוונה פון זיינע אויפלעבער געדאַרפט שטאַרקן דאָס פּוילנטום אין די צפון־מזרחדיקע גרעניץ־געביטן, וועלכע זיינען געוואָרן שטאַרק רוסיפיצירט, און סיי לויט דעם צוזאַמענשטעל פון פּראָפעסאָרן־פּערסאָנאַל, פון וועלכע דער גרעסטער טייל האָט געלעבט אין רוסלאַנד, סיי לויט דעם צאָל־צוזאַמענשטעל פון די סטודענטן, האָט ער ווירקלעך באַקומען אַ כאַראַקטער פון אַ „קרעסן“־הויכשול.

ביים עפענען דעם אוניווערסיטעט האָבן 71,66% פון די אָנגענומענע סטודענטן געשטאַמט פון ליטע און ווייסרוסלאַנד.

דאָס זעלבע לאָזט זיך אָבער ניט זאָגן וועגן די יידישע סטודענטן, וועלכע זיינען אין אָנהייב אַריינגעטרעטן אין אוניווערסיטעט. דער אוניווערסיטעט איז צווישן דער ווילנער יידישער געזעלשאַפט בכלל און דער יידישער יוגנט בפרט ניט געווען פּאָפּולער און די אָרטיקע יוגנט האָט זיך ניט גערן פאַרשריבן, פאָרנדיק לויט מעגלעכקייט קיין דייטשלאַנד, כדי דאָרט צו שטודירן. דאָקעגן־זשע זיינען אָנגעקומען פאַרהעלטניסמעסיק פיל יידישע קאַנדידאַטן פון פּוילן.

בכלל זיינען דאַמאָלסט אָנגענומען געוואָרן 547 סטודענטן, בתוכם 80 סטודענטן פון „משהס גלויבן“, פון וועלכע 53 האָבן אָנגעגעבן אַלס זייער נאַציאָנאַליטעט די יידישע. עס איז זיך משער צו זיין, אַז דער גרעסטער טייל פון די 27 יידישע סטודענטן, וועלכע האָבן אָנגעגעבן אַלס זייער נאַציאָנאַליטעט די פּוילישע, האָט געשטאַמט פון פּוילן. עס וואָלט אָבער געווען ניט ריכטיק צו דרינגען, אַז דער כלל יידישע סטודענטן פון פּוילן איז שטאַרק אַסימילירט. קענענדיק די יידישע סטודענטנשאַפט פון ווילנער אוניווערסיטעט פאַר דער גאַנצער צייט, קאָן איך מיט צופרידנקייט פעסטשטעלן אַ פּאָזיטיוו־נאַציאָנאַלע שטעלונג פון דער איבערוועגנדיקער מערהייט. די מציאות אָבער פון די 27 יידן פון פּוילישער נאַציאָנאַליטעט אין יענער צייט, דערקלערט זיך אָט מיט וואָס:

1) מיט דעם באַדויערלעכן אינדיפערענטיזם פאַר דער נאַציאָנאַלער זאַך מצד דער יידישער ווייבלעכער יוגנט בכלל און מאַנכע סטודענטקעס, וועלכע האָבן געענדיקט פּוילישע אָדער יידיש־אַסימילאַטאָרישע מיטלשולן אין פּוילן בפרט. איבער דעם האָבן מאַנכע, ניט אָפּגעבנדיק זיך קיין רעכענונג דערין, לויט אינערציע, אָנגעגעבן אין די אַנטשפּרעכנדיקע רובריקן די פּוילישע נאַציאָנאַליטעט.

2) צוליב רייזע־שוועריקייטן (כדי צו פאָרן פון פּוילן קיין ווילנע האָט זיך געפאָדערט אַ ספּעציעלער רייזע־פּאַס, וועלכער האָט זיך, נאָך אַ לאַנגער פּראָצעדור, אַרויסגעגעבן אין דער ציווילער פאַרוואַלטונג פאַר די מזרח־געביטן אין וואַרשע) האָבן ניט אַלע געקאָנט גלייך קומען קיין ווילנע און אייגנהענטיק

אויספילן די דאָקומענטן. גרופּעס קאַנדידאַטן פלעגן שיקן אַ דעלעגאַט אָדער אַ דעלעגאַטקע אין דער ווייטער ווילנע און זיי האָבן דאָ לויט זייער אייגענעם אײַנזען ערלײדיקט אַלע פאָרמאַליטעטן און אויסגעפילט די אַנקעטע־בויגנס און עווידענץ־פּאַפּירן. מיר פּערזענלעך זיינען פון יענער צייט באַקאַנט אייניקע פאַלן, ווען דעלעגאַטקעס האָבן אויסגעפירט די שליחות פון 6—8 פּערזאָן און האָבן זיי אַלעמען צוגעשריבן צו דער פּוילישער נאַציאָנאַליטעט. און ניט איין ייִדישער סטודענט איז שפּעטער צו זיין גרויסער פאַרוואונדערונג געוואָר־געוואָרן, אַז ער איז פאַרשריבן צו דער פּוילישער נאַציאָנאַליטעט, און ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָט ער דעם טעות פאַרריכט. מיר ווען זיך טאַקע שפּעטער איבערצייגן, אַז די פּראָצענט־פאַרהעלטעניש פון די פּאָליאַקן פון „משהס גלויבן“ צו דער אַלגעמיינער צאָל פון די ייִדישע סטודענטן פאַרקלענערט זיך.

3) אַ קליינע צאָל ייִדישע סטודענטן, וואָס זייערע אַטעסטאַטן האָבן ניט באַפרידיקט אַלע געשטעלטע פאָדערונגען, האָט מיט אַ שווער האַרץ אָנגעגעבן די פּוילישע נאַציאָנאַליטעט, רעכענענדיק אויסצומיידן דורכדעם די גרויסע שוועריקייטן.

---

## II. די אָרגאַניזירונג פון פאַראיין פאַר קעגנזייטיקער הילף פון די ייִדישע סטודענטן.

אין אָנהייב פון דער עקסיסטענץ פון אוניווערסיטעט איז דאָס געזעלשאַפטלעך־אַקאַדעמישע לעבן צווישן די ייִדישע אַקאַדעמיקער געווען שוואַך אַנטוויקלט. די סיבות זיינען געווען—ערשטנס וואָס אַ גרויסער טייל פון די סטודענטן איז געווען אָפּוועזנד, צווייטנס, וואָס די חברים האָבן נאָך ניט געהאַט אָנגעקניפּט צווישן זיך קיין חברשע באַציאונגען.

דאָך איז גלייך אַנטשטאַנען דער געדאַנק צו שאַפן אַ ספּעציעלע ייִדישע אַקאַדעמישע אָרגאַניזאַציע.

ווי באַקאַנט, שפּילן די אַקאַדעמישע הילפס־אָרגאַניזאַציעס אין יעדן אוניווערסיטעט זייער אַ וויכטיקע ראָלע, ווייל זיי קאָנצענטרירן אַרום זיך ניט נאָר די אינסטיטוציעס פון עקאָנאָמישן כאַראַקטער, ווי בורסעס, קיכן, לייקאַסעס, ביוראָס פאַר אַרבעט־פאַרמיטלונג, מעדיצינישע הילפס־קאַסעס א. אַז. וו., נאָר אויך דאָס געזעלשאַפטלעך־חברישע לעבן פון די סטודענטן אין די קלובן, וועלכע ווערן געעפנט דורך די דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס.

אין די פּוילישע אוניווערסיטעטן עקסיסטירן אַזעלכע פּוילישע אָרגאַניזאַציעס אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען „בראַטניאַ פּאָמאָץ“ (ברידערלעכע הילף). אין מאַנכע פּוילישע אוניווערסיטעטן (ווי אין קראָקע און לעמבערג) האָבן ניט די דעקלאַראַציעס, וועלכע מען פּילט אויס ביים ווערן אַ מיטגליד פון „בראַטניאַ פּאָמאָץ“ די רובריק פון נאַציאָנאַליטעט. דאָס גיט די מעגלעכקייט די סטודענטן פון ייִדישער נאַציאָנאַליטעט צו געניסן פון די אָרגאַניזאַציעס. די „בראַטניאַ פּאָמאָץ“, וועלכע איז דאַמאָלסט געשאַפן געוואָרן אין ווילנער אוניווערסיטעט, האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט אָנצונעמען סטודענטן פון ייִדישער נאַציאָנאַליטעט, מאָטיווירנדיק דאָס כלומרשט דערמיט, וואָס לויטן סטאַטוט ווערן אָנגענומען אַלס מיטגלידער נאָר סטודענטן פון פּוילישער נאַציאָנאַליטעט. אין דערווירקלעכקייט זיינען באַקאַנט מערערע אויטענטישע פאַלן, ווען מען האָט אָנגענומען אין „בראַטניאַ פּאָמאָץ“ סטודענטן, וועלכע האָבן זיך בפירוש דעקלאַרירט אין די אַנקעטע־בויגנס צו דער ווייסרוסישער נאַציאָנאַליטעט, אויף להכעיס דעם דערמאָנטן פּונקט פון סטאַטוט, וועלכער, ווי עס איז קלאָר, איז באַשטימט נאָר קעגן ייִדן...

דאָס ניט אָננעמען ייִדן אין „בראַטניאַ פּאָמאָץ“ איז געווען אייגנטלעך איינע פון די סיבות צו שאַפן אַ באַזונדערע ייִדישע אָרגאַניזאַציע.

שוין אין נאָוועמבער 1919 האָט זיך געבילדעט אַן אָרגאַניזיר־קאָמיסיע פון די ח״ח: זילבערבאַך, צינאָוויעץ, קאָזיעל, גלעזער, ווענגיער, לעווקאָוויטש, וואַסערמאַן. אין דער סוב־קאָמיסיע, וועלכע האָט געדאַרפט אויסאַרבעטן דעם סטאַטוט, זיינען אַריין די ח״ח זילבערבאַך, קאָזיעל און ווענגיער און די חברטעס וואַסערמאַן און לעווקאָוויטש*).

דער סטאַטוט־פּראָיעקט איז געוואָרן לעבעדיק באַהאַנדלט אויף אייניקע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון די ייִדישע סטודענטן, אויף וועלכע עס זיינען אַרויסגעטראָטן צוויי ריכטונגען: אַ נאַציאָנאַלע און אַ קאָסמאָפּאָליטישע. די נאַציאָנאַליסטן האָבן געפאָדערט, אַז די אָרגאַניזאַציע זאָל טראָגן אַ ריינעם ייִדיש־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, די אַנדערע דערקעגן זיינען געווען פאַר אַ אַלגעמיינערן כאַראַקטער פון דער אָרגאַניזאַציע אָן ספּעציפיש־נאַציאָנאַלער פאַרפאַרבונג.

אַלס געגנשטאַנד פון באַזונדערס הייסן חילוקי־דעות האָט געדינט דער פּונקט פון סטאַטוט, אין וועלכן עס רעדט זיך וועגן דעם, ווער עס קאָן אָנגעהערן צו דער אָרגאַניזאַציע. די ראַדיקאַלע האָבן געפאָדערט, אַז עס זאָל ניט

*) וועגן ערשטן פּעריאָד פון דער אָרגאַניזאַציע שטיץ איך זיך אויף דעם מאַטעריאַל, וואָס עס האָט מיר איבערגעגעבן ח׳ ב. זילבערבאַך, ערשטער פּאָרזיצער פון אונזער פאַראיין.





דערמאָנט ווערן די ייִדישע נאַציאָנאַליטעט, נאָר אַז מיטגלידער קענען ווערן אַלע סטודענטן פון ווילנער אוניווערסיטעט. דער רעזולטאַט פון קאַמף איז געווען די קאָמפּראָמיס־רעדאַקציע פון § 5 פון סטאַטוט, לויט וועלכן מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע קאָנען ווערן יעדער ייִדישער סטודענט „פון ווילנער אוניווערסיטעט ווי אויך אַנדערע סטודענטן פון דעם אוניווערסיטעט“. נאַטירלעך, האָט די פאָרמולירונג נאָר אַ טעאָרעטישן ווערט, ווייל ביזן הייַנטיקן טאָג האָבן זיך קיין סטודענטן פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן ניט פאַרשריבן*).

כדי אויסצומיידן איבעריקע וויכּוחים איז די שפּראַך־פראַגע געבליבן אָפן.

סוף יאַנואַר 1920 איז דער סטאַטוט געווען פאַרטיק און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צוצוטרעטן צו לעגאַליזירן די אָרגאַניזאַציע ביי דער אוניווערסיטעטס־מאַכט.

ס׳איז כדאי דערביי צו באַמערקן, אַז ביי קיין שום פּוילישן אוניווערסיטעט (אויסער אין ווילנע) איז קיין ייִדישע אַקאַדעמישע אָרגאַניזאַציע, זאָגאַר פון אַן אויסגעשפּראָכענעם עקאָנאָמישן כאַראַקטער, ניט לעגאַליזירט דורך דער אַקאַדעמישער מאַכט, הגם דער אַקאַדעמישער סטאַטוט זעט ניט פאָר קיין באַגרענעצונגען פאַר ייִדישע אָרגאַניזאַציעס. דאָס קומט פאָר אויף אַ זייער אָריגינעלן אופן: אָפיציעל האָט דער אַקאַדעמישער סענאַט גאָרנישט קעגן סטאַטוט פון דער ייִדישער אָרגאַניזאַציע, נאָר בשעת מען הייסט די ייִדישע פאָרשטייער איינלאַדן אַ פּראָפעסאָר אַלס „אַפּוטראָפּוס“ פון דער אָרגאַניזאַציע**), ווייזט זיך אַרויס, אַז פון דער גרויסער צאָל אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָרן האָט קיינער ניט חשק אָנצונעמען דעם כבוד, און די אָרגאַניזאַציע ווערט ניט לעגאַליזירט.

דאָס שטערט ניט פונדעסטוועגן, אַז עס זאָלן גלייך נאָכדעם אַרויסוואַקסן נייע פּוילישע אַקאַדעמישע קאָרפּאָראַציעס פון פאַרשיידענע מינים.

די דעלעגאַציע פון די ייִדישע סטודענטן, וועלכע האָט זיך אין פעברואַר 1920 געווענדט אין רעקטאָראַט, כדי איבערצוגעבן דעם סטאַטוט־פּראָיעקט אויף צו באַטראַכטן דורכן אַקאַדעמישן סענאַט, איז געוואָרן אויפגענומען זייער פריינדלעך. דער רעקטאָר סיעדלעצקי האָט ערקלערט, אַז ער האָט שוין לאַנג ערוואַרט די דעלעגאַציע און אויסגעדריקט זיין פאַרוואונדערונג, פאַרוואָס זי האָט זיך ביז אַהער צו אים ניט געווענדט. ער האָט מבטיח געווען גינסטיק דעם ענין צו באַהאַנדלען און צו אונטערשטיצן.

דער סטאַטוט איז געלעגן אין סענאַט העכער 3 חדשים.

אין סענאַט האָט געהערשט חלוקי־דעות בנוגע דעם סטאַטוט פון דער ייִדישער אָרגאַניזאַציע.

עס וועט אינטערעסאַנט זיין צו ברענגען אויף דעם אָרט דעם פאָרשלאָג פון דאַמאָלסטיקן פּראָרעקטאָר פּראָפ. יוזעף זיעמאַצקי, אַריינגעטראָגן דורך אים אויף דער 13־טער זיצונג פון אַקאַדעמישן סענאַט ביים באַטראַכטן די בקשה פון דער איניציאַטיוו־גרופּע „וועגן באַשטעטיקן דורכן סענאַט דעם סטאַטוט פון דער געזעלשאַפט פון דער ייִדישער אַקאַדעמישער יוגנט אונטערן נאָמען קעגנזייטיקע הילף פון דער ייִדישער אַקאַדעמישער יוגנט“***).

אין דער בקשה האָבן די איניציאַטאָרן מאָטיווירט זייער ווענדונג דערמיט, וואָס די ייִדישע סטודענטן זיינען „דערווייטערט געוואָרן“ (wyrugowano) פון דער פּוילישער „בראַטניאַ פּאָמאָץ“.

פּראָפ. זיעמאַצקי שטעלט זיך אָפּ אויף דעם אויסדרוק און ערקלערט דעם סענאַט, אַז „בשעת די געלט־זאַמלונגען, ביים אַראַנזשירן דעם קאָנצערט־ראַאוט און אַנדערע פאַרווײלונגען לטובת דער „בראַטניאַ פּאָמאָץ“, וואָס די פּוילישע אַקאַדעמישע יוגנט האָט אָרגאַניזירט אין נאָוועמבער און דעצעמבער, האָט די ייִדישע אַקאַדעמישע יוגנט, ווי אויך די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג, אויסגעמיטן מיטצוהעלפן דער פּוילישער אַקאַדעמישער יוגנט און קיין איין פּעניג ניט צו שטייער געגעבן אויף די געהעריקע פאָנדן. עס קאָן אַלזאָ איצט ניט זיין קיין רייד וועגן „דערווייטערן“ די ייִדישע יוגנט פון געניסן פון פאָנדן, וועלכע געהערן ניט איר. — מען דאַרף רעכענען, אַז די ייִדישע יוגנט פאַרשטייט, אַז אויב מען וויל באַזיצן געוויסע רעכט צו געניסן פון פאָנדן, מוז מען טראָגן אויך געוויסע התחייבותן, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיטן זאַמלען די פאָנדן“.

ווייטער ראָט דער פּראָרעקטאָר, אַז דער סענאַט זאָל זיך פאַרשטענדיקן מיט דער פאַרוואַלטונג פון דער פּוילישער „בראַטניאַ פּאָמאָץ“ וועגן דעם ענין, ווייל:

*) עס זיינען נאָר געווען אייניקע פאַלן, ווען עס האָבן זיך אינטערעסירט סטודענטן פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן מיטן סטאַטוט פון פאַראיין, אַזוי צב״ש אין יאָר 1919 2 גלחים פון יורידישן פאַקולטעט: 1 ליטווינער און 1 ווייסרוס.

**) לויטן אַקאַדעמישן סטאַטוט מוז יעדע אַקאַדעמישע אָרגאַניזאַציע זיך געפינען אונטער דער אָפיציעלער השגחה פון אַ פּראָפעסאָר, וועלכער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אַקאַדעמישן סענאַט. אָן אַזאַ אַפּוטראָפּוס ווערט זי ניט לעגאַליזירט דורכן סענאַט.

***) אַ קאָפּיע פון פּראָפ. זיעמאַצקיס פאָרשלאָג געפינט זיך אין אַרכיוו פון ייִדישן סטודענטן־פאַראיין.

„עס קומט אַרויף אַ געדאַנק, צי קען מען ניט אײַנאָרדענען אַ שותּפות־דיקע פאַרהאַלטונג פון דער „בראַטניאַ פּאָמאָץ״ מיט 2 אָפּטיילונגען: איינע אַ פּוילישע און איינע אַ ייִדישע, וועלכע זאָלן באַזיצן באַזונדערע (sic) פאָנדן, 2 באַזונדערע פאַרוואַלטונגען און איין רעפּרעזענטאַנט אין דער פּערזאָן פון אַ פּרעזעס, וועלכער זאָל זיך נאָך דער ריי טוישן יעדן סעמעסטער״.

מאַנכע פּונקטן פון סטאַטוט געפינט פּראָפ. זיעמאַצקי, אַז זיי זיינען „בלתי ספק אומדערלאָזלעך״.

## III. ערב דער עוואַקואַציע פון ווילנע.

בשעת דער סטאַטוט איז געוואָרן אַזוי זאָרגעוודיק באַטראַכט אין סענאַט, האָט דערווײַלע די אָרגאַניזיר־קאָמיסיע גענומען זיך צו אָרגאַניזירן פּראָוויזאָריש מיטאָגן פאַר די חברים און אַרויסגעבן הלוואות. כּדי צו שאַפן די דערצו נייטיקע געלט־מיטלען איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן דער ע ר ש ט ע ר ב אַ ל פון די ייִדישע סטודענטן (זונטאָג דעם 21־טן מערץ 1920). דער באַל איז געווען אַ פּ ר אָ ב ע־ מ אָ ב י ל י ז אַ צ י ע פון די אייגענע כּוחות און דער ערשטער פּרוב אָנצוקניפּן באַציאונגען מיט דער געזעלשאַפט. דער באַל האָט זיך גוט אײַנגעגעבן און די ייִדישע געזעלשאַפט האָט אַרויסגעוויזן די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט צו די ערשטע שריט פון דער זיך אָרגאַניזירנדיקער ייִדישער אַקאַדעמישער יוגנט. אויסער אַ סך פ אָ ר ש ט ײ ע ר פ ו ן ד ע ר ג ע ז ע ל ש אַ פ ט האָבן אויך באַזוכט דעם באַל פון דער אוניווערסיטעטס־מאַכט רעקטאָר ס י ע ד ל ע צ ק י, פּראָפּ׳ ז אַ װ אַ ד ז ק י און אַנד. דער באַל האָט דערגרייכט אַ רעקאָרד־הכנסה פון ברוטאָ 52,000 מאַרק און נעטאָ 29,000 מאַרק. דער מאַטעריעלער ערפאָלג פון ערשטן באַל האָט מעגלעך געמאַכט צוז׳ ●־עטן תּיכּף אין באַשיידענעם מאַסשטאַב צו רעאַליזירן די זיך געשטעלטע עקאָנאָמישע צילן. די טעטיקייט פון דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע האָט זיך אויסגעדריקט אין אַרויסגעבן לויט מעגלעכקייט הלוואות, סובסידיעס, מיטאָגן ווי אויך אינפאָרמאַציעס די נייע אָנפאָרנדיקע חברים.

דער ערפאָלג פון די ערשטע שריט האָט צוגעגעבן די איניציאַטאָרן מוט און חשק צו ווייטערדיקער אַרבעט.

**ד י ע ר ש ט ע ק ו ל ט ו ר ־ ט ע ט י ק י י ט.**

אָבער שוין גלײַך פון אָנהייב האָט מען זיך ניט באַנוגנט מיט בלויז עקאָנאָמישער טעטיקייט.

צווישן די סטודענטן האָט זיך געבילדעט אַ ק ר ײ ז ל פ אַ ר ב אַ ק ע נ ע ן ז י ך מ י ט ד ע ר י י ד י ש ע ר ל י ט ע ר אַ ט ו ר. דאָס קרײַזל איז באַשטאַנען פון העכער 10 פּערזאָן (אַ גרויסער טייל ייִדישע סטודענטקעס פון פּוילן). יעדן שבת פאַרנאַכט זיינען אין דער וואוינונג פון די הברטעס ל. און מ., פאָרגעקומען ליטעראַרישע קאָנפערענצן מיט דיסקוסיעס;

דער אָרטיקער קענער פון דער ייִדישער ליטעראַטור ה. גיליגיטש, האָט אין קרײַזל געהאַלטן ס י ס ט ע מ אַ ט י ש ע לעקציעס וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור און אויך פאַרשיידענע רעציטאַציעס פון די נײַסטע שאַפונגען. די רעפעראַטן זיינען געוואָרן אויסגעהערט מיט גרויס אינטערעס און בײַפאַל דורך די צוהערער. אַלס איינער, וועלכער האָט אָנגעהערט צו דעם קרײַזל, בין איך זיכער, אַז אָט די שבתדיקע זומער־פאַרנאַכטן פון יאָר 1920, וועלן פאַרבלײַבן בײַ אַלע אָנטיילנעמער אַלס איינע פון די אינטערעסאַנטסטע זכרונות פון יענער צײַט.

אין אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעך־אַקאַדעמישן לעבן האָבן די ייִדישע סטודענטן גענומען אַ ש ו ו אַ כ ן אָ נ ט י י ל.

**פ אַ ר ד ע ר ע ו ו אַ ק ו אַ צ י ע.**

דער סטאַטוט איז ענדלעך באַשטעטיקט געוואָרן דורכן אַקאַדעמישן סענאַט דעם 29־טן יוני 1920 (צוויי וואָכן פאַרן עוואַקואירן ווילנע) מיטן תּנאי, אַז „די שפּראַך פון די וויכּוחים און קאַנצעלאַריע איז די פּוילישע״.

דער פאַראיין איז לעגאַליזירט געוואָרן אונטערן נאָמען: פ אַ ר אַ י י ן פ אַ ר ק ע ג נ ז ײ ט י ק ע ר ה י ל ף פ ו ן ד י י י ד י ש ע ס ט ו ד ע נ ט ן א י ן א ו נ י װ ע ר ס י ט ע ט פ ו ן ס ט ע פ אַ ן ב אַ ט אָ ר י א י ן ו ו י ל נ ע״

„Stowarzyszenie Wzajemnej Pomocy Studentów Żydów Uniwersytetu Stefana Batorego w Wilnie“.

די אַלגעמיינע שטימונג אין יענער מלחמה־צײַט איז געווען אַ אָפּוואַרטנדיקע.

אין יענעם זומער 1920 איז די געזעלשאַפטלעכע מיינונג אין פּוילן געווען שטאַרק באַשעפטיקט מיט דעם ענין אייבערשלעזיע, וואו עס האָט אין דער נאָענטסטער צוקונפט געדאַרפט פאָרקומען דער פּלעביסציט. די אַקאַדעמישע יוגנט פון אַלע פּוילישע אוניווערסיטעטן האָט זיך מתחייב געווען צו פאָרן אין פּלעביסציט־געביט און אַגיטירן פאַר פּוילן. די ייִדישע סטודענטן האָבן זיך אומעטום אויך פאַרפליכט צו דער אַרבעט. אָן אויסנאַם בכלל איז געווען נאָר ווילנע.

דער ווילנער אוניווערסיטעט איז באַהאַנדלט געוואָרן אַלס פּאָליטישער פאָרפּאָסטן, וועלכן מען טאָר ניט פאַרלאָזן. און אָנשטאָט דער פּלעביסציט־אַגיטאַציע איז אויף אַן אַלגעמיינעם סטודענטן־מיטינג באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרפליכטן די סטודענטן צו פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן אין משך פון די קומענדיקע



זומער־וואַקאַציעס. פיל ייִדישע סטודענטן האָבן זיך אויך פאַרשריבן צו דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

די רוסישע אָפענסיווע, וועלכע האָט זיך גראָד געהאַט אָנגעהויבן, האָט געמאַכט פאָרשריט און ערנסט אָנגעהויבן באַדראָען די באַזעצטע מזרח־געביטן און שפּעטער אויך פּוילן גופא. אין אַלע פּוילישע אוניווערסיטעטן זיינען פאָרגעקומען אַלגעמיינע סטודענטן־פאַרזאַמלונגען בײַ אַ געהויבענער פּאַטריאָטישער שטימונג, אויף וועלכע עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרפליכטן אַ ל ע סטודענטן תּיכּף אַרײַנצוטרעטן פרייוויליק אין דער אַרמיי. אין ווילנע איז דער אַלגעמיינער מיטינג פאָרגעקומען דעם 8־טן יולי און נאָך אַ לענגערער דיסקוסיע איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרפליכטן צום פרייוויליקן אַרײַנגטרעטן אין דער פּוילישער אַרמיי נ אָ ר ד י ס ט ו ד ע נ ט ן פ ו ן פ ו י ל י ש ע ר נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ט ע ט.

צווישן די ייִדישע סטודענטן פון פּוילישער בירגערשאַפט, וועלכע האָבן נאָך געקענט פאַרלאָזן ווילנע, זיינען פיל אַרײַנגעטראָטן אין דער פּוילישער אַרמיי און כּמעט אַלע ייִדישע סטודענטקעס פון פּוילן האָבן געאַרבעט דאַמאָלסט אין שפּיטעלער אָדער אין אַנדערע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן געבראַכט הילף די פאַרוואונדעטע פּוילישע סאָלדאַטן און אַרמיי.

עס איז ניט דאָ דער אָרט צו באַשרײַבן די נגישות, וואָס די דאָזיקע סטודענטקעס זיינען אויסגעשטאַנען בשעתן דעם פאַרשרײַבן זיך אין די דערמאָנטע שפּיטעלער און ענלעכע אינסטיטוציעס*).

דאָס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער מאַרטיראָלאָגיע פון דער פּויליש־ייִדישער יוגנט בכלל און ייִדישער אַקאַדעמישער יוגנט בפרט פון דער אינוואַזיע־צײַט אין זומער 1920, וואָס איר טראַגישער סימבאָל איז „יאַבלאָננאַ״**).

בשעת דער ב אָ ל ש ע װ י ס ט י ש ע ר א י נ װ אַ ז י ע האָט זיך דער אוניווערסיטעט עוואַקואירט קיין וואַרשע, נאָכדעם קיין פּויזן. די ייִדישע אַקאַדעמישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז ערשט געהאַט באַשטעטיקט געוואָרן, האָט צוליב דער געשאַפענער לאַגע ניט אַנטוויקלט קיין שום טעטיקייט.

## IV. קוואַליפיציר־קאָמיסיע.

דעם 9־טן אָקטאָבער 1920 האָט גענ. זשעליגאָווסקי פאַרנומען ווילנע און פּראָקלאַמירט „מיטל־ליטע״. דער אוניווערסיטעט איז ווידער געעפנט געוואָרן***).

אין אַלע פּוילישע אוניווערסיטעטן זיינען אין אָנהייב פון אַקאַדעמישן יאָר 1920/21 געשאַפן געוואָרן סטודענטישע אַזויגערופענע „קוואַליפיציר־קאָמיסיעס״, וועלכע האָבן קאָנטראָלירט יעדן פון די ביזאַהעריקע און נײַ־אָנקומענדיקע סטודענטן, צי זיי האָבן ערפילט זייער בירגערלעכע פליכט אין דער אַרמיי בהסכּם מיט די אין יולי אָנגענומענע באַשלוסן. יעדער סטודענט האָט באַקומען פון אָט דער קאָמיסיע אַ דורכלאָז־צעטל, אָן וועלכן דער דעקאַן האָט דעם סטודענט ניט אָנגענומען.

אין ווילנע איז אויך געשאַפן געוואָרן אַזאַ „קוואַליפיציר־קאָמיסיע״ דורך דעם „ראַט פון דער אַקאַדעמישער יוגנט״ (R. M. A.). אין אָנהייב פון איר טעטיקייט האָט די קאָמיסיע געפאָדערט פון אַלעמען אָן אונטערשייד פון

---

*) אין ל אָ ד ז למשל האָט מען די ייִדישע סטודענטקעס נ י ט ג ע װ אָ ל ט צ ו ל אָ ז ן אין די מיליטערישע שפּיטעלער וואו זיי האָבן פאָרגעלייגט זייער דינסט אַלס „שוועסטער״ א. אַז. וו. און זיי האָבן געאַרבעט נאָר אין שפּיטאָל פאַר זעלנער־רעקאָנוואַלעסצענטן אין רודאַ־פּאַביאַניצקאַ (אונטער לאָדז), וועלכן עס האָט אָרגאַניזירט און אויסגעהאַלטן די לאָדזער ייִדישע קויפמאַנשאַפט. אין די „נײַ־שטובן״ פון וועש פאַרן מיליטער, וואו די ייִדישע סטודענטקעס האָבן געאַרבעט גאַנצע טעג, האָט מען זיי פאָרגעוואָרפן, אַז זיי האָבן בכּיוון קאַליע געמאַכט די וועש, צוליב וואָס די נאַציאָנאַל־געזינטע סטודענטקעס האָבן דעמאָנסט־אַטיוו פאַרלאָזן די אַרבעט.

**) אין אַווגוסט 1920, בשעת די קאַמפן מיט די באָלשעוויקעס אין פּוילן, האָט מען אין יאַבלאָננאַ (אונטער וואַרשע) אָ ן ש ו ם ס י ב ה אינטערנירט ●יזנטער ייִדישע סאָלדאַטן פון פאַרשיידענע מיליטערישע אָפּטיילונגען, ווייל מען האָט מורא געהאַט, אַז זיי זאָלן ניט פאַרראַטן דאָס לאַנד אין אַזאַ ערנסטן מאָמענט. צווישן די אינטערנירטע האָבן זיך געפונען אַרום 600 ייִדישע שילער און אַקאַדעמיקער, וועלכע זיינען פ ר ײ װ י ל י ק אַרײַנגעטראָטן אין דער פּוילישער אַרמיי עס איז זיך לײַכט פאָרצושטעלן דעם געמיטס־צושטאַנד פון אָט די פרייוויליקע צווישן וועלכע אויך די ווילנער ייִדישע סטודענטנשאַפט איז געווען רעפּרעזענטירט, וועלכע מען האָט ווי בוגדים געהאַלטן אינטערנירט זעקס וואָכן. אין יענער צײַט איז אַנטשטאַנען דאָס ליד, „My, obóz Jablonny״, וועלכעס איז נאָך הײַנט זייער פּאָפּולער צווישן דער פּויליש־ייִדישער אַקאַדעמישער יוגנט און ווערט געזונגען מיט דער באַקאַנטער מעלאָדיע פון פּוילישן לעגיאָנען־ליד: „My, pierwsza brygada“.

***) ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז אין דער צײַט פון „מיטל־ליטע״ איז דער ווילנער אוניווערסיטעט געווען אָ נ ג ע ה ע ר י ק ע ו ד ע ר פ ו י ל י ש ע ר מ ל ו כ ה און האָט זיך אונטערגעוואָרפן דעם וואַרשעווער בילדונגס־מיניסטעריום אויפן גרונד פון אַ ספּעציעלער קאָנצעסיע פון דער מיטל־ליטווישער רעגירונג.

נאַציאָנאַליטעט פאָרצולייגן דאָקומענטן פון אָפּגעהאַלטענעם מיליטער-דינסט און עס האָט געדראָט די ייִדישע סטודענטן, דערהויפּט פון ווילנער קאַנט, ניט אָנגענומען צו ווערן צוריק אין אוניווערסיטעט. אויף אַ פאַרזאַמלונג, וואָס די ייִדישע סטודענטן האָבן אָפּגעהאַלטן, האָט מען שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן דער „קאָמיסיע" און אָנגעוויזן, אַז עס איז ניטאָ ניט קיין יורידישע און ניט קיין מאָראַלישע רעכט צו פאָדערן מיליטער-דינסט אין דער פּוילישער אַרמיי, בשעת דער פּאָליטישער גורל פון ווילנע איז נאָך ניט באַשלאָסן, בפרט ווען די פליכט איז געוואָרן אָנגענומען נאָר פאַר דער פּוילישער סטודענטנשאַפט.

אַדאַנק דער דאָזיקער אינטערווענציע, האָט די קוואַליפיקאַציע-קאָמיסיע צוריקגעצויגן די פאָדערונג פון פּוילישן מיליטער-דינסט בנוגע די ייִדישע סטודענטן, פאָדערנדיק פון זיי נאָר „לאָיאַלע האַנדלונג" בנוגע דער פּוילישער מאַכט.

דער דאָזיקער באַשלוס האָט מעגלעך געמאַכט די ייִדישע סטודענטן אָנצוקומען צוריק אין אוניווערסיטעט, איבערלאָזנדיק דאָך אַ פלאַץ פאַר שיקאַנען ביים פעסטשטעלן די „לאָיאַליטעט" פון ייִדישן סטודענט. אַזוי דערציילן חברים, אַז מען איז געגאַנגען צו די סטרוזשעס פון די הייזער, וואו די סטודענטן האָבן געוואוינט בשעת דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע, כדי נאָכצופאָרשן, צי זיי האָבן ניט געדינט ביי די באָלשעוויקעס.

## V. די טעטיקייט פון „פאַראיין פאַר קעגנזייטיקער הילף" נאָך דער לעגאַליזאַציע.

אין יאַנואַר 1921 האָט די „קעגנזייטיקע הילף" אָנגעהויבן איר טעטיקייט. אַלס „אַפּוטראָפּוס" פון דער אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן איינגעלאַדן פּראָפ. וולאַדיסלאַוו זאַוואַדזקי, פּראָדעקאַן פון יורידישן פאַקולטעט, וועלכער האָט די איינלאַדונג אָנגענומען און איז אַפּוטראָפּוס פון דער אָרגאַניזאַציע ביז היינטיקן טאָג. כדי ענדלעך צוצוטרעטן צו דער אָרגאַניזירונג פון פאַראיין האָבן פאָרשטייער פון פאַראיין זיך געווענדט צום רעקטאָר סיעדלעצקי מיט דער בקשה צו ערלויבן אָפּהאַלטן אין בנין פון אוניווערסיטעט אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די ייִדישע סטודענטן, בשעת וועלכער די וויכוחים זאָלן פאָרקומען אין דער ייִדישער שפּראַך.

די פאַרזאַמלונג האָט געזאָלט זיין די ערשטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פונם נייעם פאַראיין און צוגלייך אויך דער ערשטער פּרוב פון די ייִדישע סטודענטן צו דערגרייכן די אָנערקענונג פון דער ייִדישער שפּראַך אין אוניווערסיטעט.

דער רעקטאָר האָט די בקשה אָפּגעזאָגט, מאָטיווירנדיק זיין אָפּזאָג דערמיט, וואָס 1) איז דער אוניווערסיטעט אַ פּוילישער און 2) איז דאָס קעגן דעם סטאַטוט פון פאַראיין, וועלכער איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן סענאַט מיט דער אויבנדערמאָנטער הוספה.

די פאַרזאַמלונג איז צוליב דעם פאָרגעקומען אין בנין פון דער קולטור-ליגע דעם 2-טן פעברואַר און איז געפירט געוואָרן אין דער ייִדישער שפּראַך. דער המשך פון דער פאַרזאַמלונג אויף אויסצוקלייבן אַ נייע פאַרוואַלטונג איז פאָרגעקומען אין בנין פון אוניווערסיטעט דעם 7-טן פעברואַר אין געגנוואַרט פון אַפּוטראָפּוס פון פאַראיין, און די אָפיציעלע שפּראַך פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען די פּוילישע.

דעם 18-טן פעברואַר 1921 איז אין גרויסן פּולגעפאַקטן שניאַדעצקי-זאַל פאָרגעקומען די יערלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע סטודענטן, וועלכע האָט געדאַרפט אויסוויילן דעם „ראַט" (R. M. A.) אויפן נייעם אַקאַדעמישן יאָר. די פּראָגרעסיווע פּוילישע יוגנט האָט אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג וועגן ענדערן די וואַל-אָרדינאַציע אויף אַ פּראָפּאָרציאָנעלע. די ענדעקעס האָבן מיט פאַרביסנקייט פאַרטיידיקט די כינעזישע מויערן פון דער אַלטער אָרדינאַציע, וועלכע האָט זיי פאַרזיכערט דעם נצחון און, ניט האָבנדיק קיין בעסערע אַרגומענטן, האָבן זיי זיך געכאַפּט פאַרן אַלטן אויסגעפּרובטן מיטל און אָנגעוויזן אויף דער געפאַר, וועלכע דראָט דעם פּוילישן אוניווערסיטעט מצד דער נייער וואַל-אָרדינאַציע, דורך וועלכער אין דער רעפּרעזענטאַנץ וועלן אַריין „פרעמדע עלעמענטן", שפּעטער שוין בפירוש „ייִדן". ביי דער געלעגנהייט זיינען געהאַלטן געוואָרן פּאָגראָם-רעדעס, אין וועלכע מ'האָט גערופן צו „פאַרטיליגן אַלע ייִדן".

דער „ייִדישער" אַרגומענט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס צום שטאַרקסטן איבערצייגנדיק און האָט באַשטימט דעם גורל פון דער רעפאָרם: מיט 165 קעגן 140 שטימען פון דער פּראָגרעסיווער פּוילישער סטודענטנשאַפט און די ייִדן איז דער פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן געוואָרן. עס זיינען פאָרגעלייענט געוואָרן פּראָטעסטן און מעלדונגען וועגן אָפּהאַלטן זיך פון אָנטיילנעמען אין די וואַלן צום ר. מ. א. מצד די פּוילישע פּראָגרעסיסטן און די ייִדן (דורכן ח' טייטעל), נאָך וועלכע זיי האָבן פאַרלאָזן דעם זאַל. אין דער נייער „ראַדע" אויפן יאָר 1921 זיינען אַריין בלויז ענדעקעס.

דער פאַראיין האָט נאָך אַלץ ניט געהאַט קיין לאָקאַל. מען האָט אויך געדאַרפט אַנטוויקלען אַן אינטענסיווערע טעטיקייט צוליב דער פאַרגרעסערונג פון דער צאָל ייִדישע סטודענטן. פון דעם מיטגלידס-אָפּצאָל, וועלכער האָט אין ווינטער 1921 באַטראָפן 25 מאַרק אַ מאָנאַט ביי 50 מאַרק איינשרייב-געלט, האָט מען די נייטיקע געלט-מיטלען ניט געקאָנט צונויפזאַמלען. פון די רעגירונגס-פאָנדן, וועלכע זיינען אַסיגנירט געוואָרן דער פּוילישער „בראַטניאַ פּאָמאָץ" (אין באַטרעף פון 70 פּראָצ. פון איר ביודזשעט) האָט דער ניי געשאַפענער ייִדישער פאַראיין, — הגם אַ לעגאַליזירטער — גאָרנישט באַקומען. די איינציקע הכנסה-קוועלע איז געווען דער טראַדיציאָנעלער באַל פון די ייִדישע סטודענטן.

דער צווייטער באַל איז פאָרגעקומען דעם 18-טן מערץ 1921 אין גרויסן אַוואַלידן-זאַל און איז אַראָפּ מיט נאָך אַ גרעסערן ערפאָלג ווי דער ערשטער. די ייִדישע געזעלשאַפט איז געווען שטאַרק פאַרטראָטן. אויסערדעם זיינען ביי-געווען: גענעראַל זשעליגאָווסקי, קאַפּיטאַן פּריסטאָר, רעקטאָר סיעדלעצקי, דעקאַן סטאַניעוויטש (איצטיקער רעקטאָר), דעקאַן וולאַדיטשקאָ, פאָרשטייער פון דער פראַנצויזישער מיסיע א. אַנד.

ווינטער-צייט 1921, בשעת אויפן אוניווערסיטעט זיינען אָפּן געווען נאָר 3 סעמעסטערס פון אַלע פאַקולטעטן האָט די אַלגעמיינע צאָל סטודענטן באַטראָפן 788, ייִדן לויט דער אמונה — 131 און לויט נאַציאָנאַליטעט 103.

דער זומער-סעמעסטער פון 1921 יאָר באַטייט פאַר דער ווילנער ייִדישער סטודענטנשאַפט אַ ווייטערדיקער אַנטשיידנדיקער עטאַפּ אין איר אָרגאַניזירונגס-פּראָצעס. דער פאַראיין שלאָגט טיפע וואָרצלען אין אוניווערסיטעטס-באָדן און הייבט זיך אָן פריי צו אַנטוויקלען.

צוליבן עפענען דעם פערטן סעמעסטער, ווי אויך צוליב דער דורכגעפירטער דעמאָביליזאַציע פון דער פּוילישער אַרמיי, האָט זיך די אַלגעמיינע צאָל פון די סטודענטן בכלל און פון די ייִדישע בפרט פאַרגרעסערט.

אין זומער-סעמעסטער 1921 האָט די אַלגעמיינע צאָל סטודענטן באַטראָפן 928 (621 מענער און 307 פרויען), דערפון פון ייִדישער אמונה 156 און פון ייִדישער נאַציאָנאַליטעט 130.

דעם 11-טן מאַי 1921 האָט זיך אויף דער בקשה פון פאַראיין וועגן אַ ערלויבעניש צו עפענען אַ קלוב באַקומען אַ תשובה פון רעקטאָר, אַז ער באַטראַכט דעם קלוב אַלס אַ טייל פון דער געזעלשאַפט פאַר קעגנזייטיקער הילף, וואָס איז שוין לעגאַליזירט דורכן רעקטאָראַט. מען האָט גלייך געדונגען אַ גרויסן לאָקאַל פון 7 צימערן מיט אַ זאַל פאַר פאָרלעזונגען אויף זיגנאַטיער גאַס נומ' 8, וואו דער פאַראיין געפינט זיך ביז היינטיקן טאָג.

די טעטיקייט פון פאַראיין אין דער צייט איז געווען אַ דרייפאַכיקע: עקאָנאָמישע, קולטורעלע און רעפּרעזענטאַטיווע.

די עקאָנאָמישע טעטיקייט איז באַשטאַנען קודם-כל אין פאַרשאַפן די חברים ביליגע מיטאָגן און אין אַרויסגעבן אָנפּראָצענטיקע הלוואות.

קולטורעלע אַרבעט. זומער 1921 זיינען געמאַכט געוואָרן די ערשטע שריט צו אָרגאַניזירן סיסטעמאַטישע קולטור-אַרבעט צווישן די חברים.

עס איז געפּלאַנט געוואָרן צו אָרגאַניזירן לעקציעס און פאָרטראָגן דורך די חברים. צוליבן מאַנגל אין כוחות איז די אַרבעט געווען זייער אַ באַגרעניצטע.

אָנהייב יוני איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין אייגענעם לאָקאַל אַ פּרעזענט מיטן אָנטייל פון די איינגעלאַדענע ה"ה אַבראַמאָוויטש און גיליגיטש, ווי אויך דעם שרייבער פון די שורות. די הכנסה איז געגאַנגען אויפן פאָנד צו שטעלן אַ מצבה אויפן קבר פונם דיכטער. ס'איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ זאַמלונג צווישן די סטודענטן אויפן זעלביקן ציל.

דעמזעלביקן מאָנאַט איז אויך געהאַלטן געוואָרן דער ערשטער פאָרטראָג אין פאַראיין דורך ח'טע בת-שבע ברוידאָ א. ד. ט. „פּרץ און דער חסידיזם".

כדי צו באַקענען די חברים מיט דער היסטאָרישער ייִדישער ווילנע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ עקסקורסיע איבערן געטאָ אונטער דער פירונג פון חייקל לונסקי, ווי אויך באַזוכן אין שטראַשון-ביבליאָטעק און היסטאָריש-עטנאָגראַפישן מוזיי.

אין קלוב איז געשאַפן געוואָרן אַ לייענזאַל, וואו עס האָבן זיך געפונען פאַרשיידענע פּעריאָדישע אויסגאַבן אין ייִדיש, העברעאיש און פּויליש.

ס'איז אויך דעבאַטירט געוואָרן די פראַגע וועגן אַרויסגעבן אַ ייִדישע אַקאַדעמישע צייטשריפט.

פאַרן סוף פון אַקאַדעמישן יאָר איז איינגעאָרדנט געוואָרן דער ערשטער אינטימער אָוונט אין קלוב מיט אַ מוזיקאַלישן און דעקלאַמאַטאָרישן טייל (אין ייִדיש).

רעפּרעזענטאַנץ. אַלס איינציקע ייִדישע אַקאַדעמישע אָרגאַניזאַציע איז דער „קעגנזייטיקער הילף" אויסגעקומען אויך אַרויסצוטרעטן אַלס רעפּרעזענטאַנץ פון דער ווילנער אַקאַדעמישער יוגנט בכלל, כדי צו פאַרטיידיקן דעם ייִדישן נאַציאָנאַלן כבוד.

### פּראָטעסט קעגן פּראָפ. מ. זדזיעכאָווסקי.

דעם 12-טן יולי איז געקומען אין ווילנע דער אַלטער איטאַליענישער געלערנטער אַטטאָליאָ בעדזשיי, איינער פון די לעצטע נאָך לעבעדיקע תּלמידים פון פּוילישן מיסטיקער טאָוויאַנסקי, וועלכער האָט, ווי באַקאַנט, געהאַט אַ קאָלאָסאַלע השפּעה אויף אַדאַם מיצקעוויטש. בעדזשיי רעכנט זיך אַלס אַלטער פריינד פון פּוילן און איז פּוילישער ערנקאָנסול אין טורין. לכּבֿוד דעם גאַסט איז אין אַולאַ פון אוניווערסיטעט פאָרגעקומען דעמזעלביקן טאָג אַ פייערלעכע אַקאַדעמיע מיט באַגריסונגען פון פּראָפעסאָרן און סטודענטן. ס'זיינען בייגעווען די העכסטע רעגירונגס-לייט מיט גען. זשעליגאָווסקי בראָש.

פּראָפ. זדזיעכאָווסקי (איצטיקער דעקאַן פון הומאַניסטישן פאַקולטעט) האָט אין זיין באַגריסונגס-רעדע שאַרף גערעדט אויך וועגן פּוילנס פּילצאָליקע פאַרביסענע שונאים און אויסגערעכנט צווישן זיי אויך „דאָס אינטערנאַציאָנאַלע יידנטום און די מאַסאָנעריע".

די פאַרוואַלטונג פון דער „קעגנזייטיקער הילף" האָט באַשלאָסן דעם אַרויסטריט ניט צו פאַרשווייגן און צו רעאַגירן אויף אים מיט אַ פּראָטעסט אין אַקאַדעמישן סענאַט. דער פּראָטעסט איז דעם 15-טן יולי איבערגעגעבן געוואָרן דעם רעקטאָר סיעדלעצקי. קיין תּשובֿה האָט זיך ביזן היינטיקן טאָג ניט באַקומען...

מיר גיבן דאָ איבער דעם פּראָטעסט אין אַ ייִדישער איבערזעצונג:

צום הויכן אַקאַדעמישן סענאַט פון אוניווערסיטעט<br>
אויפן נאָמען פון סטעפאַן באַטאָרי, אין ווילנע.

דעם 12-טן יולי ה. י., אויף דער פייערלעכער אַקאַדעמיע לכּבֿוד דעם באַרימטן תּלמיד פון טאָוויאַנסקי, - פּוילישער ערנקאָנסול אין טורין—אַטטאָליאָ בעדזשיי, האָט פּראָפ. זדזיעכאָווסקי, אין דער דורך אים געהאַלטענער באַגריסונגס-רעדע, פאַררעכנט צו די גרעסטע שונאים פון פּוילן „דאָס אינטערנאַציאָנאַלע יידנטום".

די באַשולדיקונג, וועלכע איז געוואָרפן געוואָרן אויפן ייִדישן כּלל דורך אַ פּראָפעסאָר פון אונזער אוניווערסיטעט אין דער געגנוואַרט פון באַרימטן איטאַליענישן גאַסט, דעם ראָש און מיטגלידער פון דער רעגירונג, דעם הויכן אַקאַדעמישן סענאַט און די צאָלרייך פאַרזאַמלטע געסט פון אַ טריבונע, פון וועלכער מען האָט מיט העכער 100 יאָר צוריק געפּריידיקט לאָזונגען פון פּראָגרעס און טאָלעראַנץ, האָט געמאַכט אַ דערדריקנדיקן איינדרוק אויף דער ייִדישער אַקאַדעמישער יוגנט, וועלכע שטודירט אין ווילנער אוניווערסיטעט.

די ייִדישע אַקאַדעמישע יוגנט פון אוניווערסיטעט פון סטעפאַן באַטאָרי, צווישן וועלכער עס געפינען זיך פיל קעמפער, וואָס האָבן אין די שווערסטע מינוטן פאַר פּוילן זיך געפונען אין די רייען פון דער אַרמיי, וועלכע האָט פאַרטיידיקט דאָס לאַנד, פילנדיק זיך טיף באַליידיקט דורך אַזאַ מין גרונדלאָזער באַשולדיקונג, וואַרפט אָפּ, אין פולן באַוואוסטזיין פון איר נאַציאָנאַלער און פּערסאָנאַלער ערע, די דערמאָנטע באַשולדיקונג און באַטראַכט דעם אַרויסטריט פון פּראָפ. זדזיעכאָווסקי אַלס אַזעלכן, וואָס געפינט זיך אין דער שאַרפסטער סתירה מיט די טראַדיציעס פון דער אַלמאַ מאַטער, וועלכע האָט אַרויסגעגעבן דעם אַוטאָר פון דער „אָדע צו דער יוגנט".

דער פאַראיין פאַר קעגנזייטיקער הילף פון די ייִדישע סטודענטן פון אוניווערסיטעט אויפן נאָמען פון סטעפאַן באַטאָרי אין ווילנע, וועלכער איז די איינציקע אַקאַדעמישע קאָרפּאָראַציע, וואָס רעפּרעזענטירט די ייִדישע אַקאַדעמישע יוגנט פון היגן אוניווערסיטעט, פילט זיך מחויבֿ צו מעלדן וועגן אויבנדערמאָנטן דער אַקאַדעמישער אייבערשטער מאַכט, דעם אַקאַדעמישן סענאַט, און וויל גלויבן, אַז ה' פּראָפ. זדזיעכאָווסקי האָט אין דעם טייל פון זיין רעדע ניט אויסגעדריקט די מיינונג פון הויכן סענאַט.

ווילנע, דעם 15-טן יולי 1921 יאָר.

סעקרעטאַר:<br>
פּ. קאָהן.

אין פאַרטרעטונג פון פּאָרזיצער:<br>
נ. דריסוויאַטסקי.

שבת, דעם 3-טן סעפּטעמבער, האָט די אָרטיקע דעפענסיווע, אָן דער ידיעה פון פאַרוואַלטונג און רעקטאָראַט אַדורכגעפירט אַ רעוויזיע אין לאָקאַל פון פאַראיין און אים פאַרמאַכט, אַרעסטירנדיק אויך די דינסט. דערמיט זיינען פאַרגוואַלטיקט געוואָרן די עקסטעריטאָריאַלע אַקאַדעמישע רעכט פון פאַראיין, לויט וועלכע די פּאָליציי האָט ניט קיין רעכט אַריינצוגיין אין פאַראיין אָן דער ערלויבעניש פון רעקטאָר. די פאַרוואַלטונג האָט זיך גלייך געווענדט צום רעקטאָר מיט אַ פּראָטעסט קעגן דער דעפענסיווע און מיט דער פאָדערונג, אַז דער לאָקאַל זאָל תּיכּף ווערן צוריקגעגעבן אין רשות פון פאַרוואַלטונג, די אַרעסטירטע דינסט זאָל תּיכּף באַפרייט ווערן און עס זאָלן פעסטגעשטעלט ווערן די סיבות, וועלכע האָבן גורם געווען דעם טרויעריקן אינצידענט, וואָס „צילט אין כּבֿוד און ווערדע פון פאַ־איין".

דער אַרעסט פון לאָקאַל איז געוואָרן אָראָפּגענומען צומאָרגנס מיטאָג נאָך אַ אינטערווענץ מצד אַ דעלעגאַציע פון פאַרוואַלטונג ביים שעף פון דער דעפענסיווע.

אין אווגוסט האָט די פאַרוואַלטונג פון פאַראיין באַשלאָסן אָנצושליסן זיך אָן דער צענטראַלע פון די ייִדישע אַקאַדעמישע זעלבסט-הילף-אָרגאַניזאַציעס ביי די פּוילישע הויכשולן, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן אין מערץ פון דעמזעלביקן יאָר דורך די ייִדישע אַקאַדעמישע אָרגאַניזאַציעס פון וואַרשע, קראָקע און לעמבערג.

אין משך פון זומער איז די צאָל מיטגלידער פון פאַראיין שטאַרק געוואַקסן און דערגרייכט ביז 150 אַזוי, אַז כּמעט אַלע ייִדישע סטודענטן פון אוניווערסיטעט האָבן אָנגעהערט דעם פאַראיין. דער אומשטאַנד האָט געשטאַרקט דעם אווטאָריטעט פון דער אָרגאַניזאַציע לגבי דער אַקאַדעמישער מאַכט און אַנדערע אַקאַדעמישע אָרגאַניזאַציעס געבנדיק איר די מעגלעכקייט צו בילדן אַ רעפּרעזענטאַנץ פון דער גאַנצער ייִדישער סטודענטנשאַפט און ריידן אין איר נאָמען. מען דאַרף דערביי באַמערקן, אַז אין אַנדערע אוניווערסיטעטן איז דער פּראָצענט פון די ייִדישע סטודענטן, וועלכע געהערן צו די אָרטיקע ייִדישע אַקאַדעמישע פאַרבאַנדן, באַדייטנד קלענער, אין וואַרשעווער „ייִדישער אַקאַדעמישער היים", למשל, זיינען פאַרשריבן צירקאַ 30% פון דער אַלגעמיינער צאָל ייִדישע סטודענטן.

### נאַציאָנאַליטעטן-קלוב.

זומער 1921 זיינען געמאַכט געוואָרן די ערשטע שריט צו דערנעענטערן צו זיך די סטודענטן פון די פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע געפינען זיך אין אוניווערסיטעט.

לויט דער איניציאַטיוו פון דער פּוילישער פּראָגרעסיווער אַקאַדעמישער יוגנט, דערהויפּט פון האַלינאַ זאַשטאָווט, די טאָכטער פון באַקאַנטן ווילנער פּ. פּ. ס.-ישן טוער, זיינען אין מאַי מאָנאַט איינגעלאַדן געוואָרן פאַרשטייער פון די יידן, ווייסרוסן און ליטווינער, כּדי צו שאַפן אַ אַקאַדעמישן נאַציאָנאַליטעטן-קלוב. אויף אַ ריי זיצונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין לאָקאַל פון פאַראיין אויפן נאָמען פון יוזעף פּילסודסקי, איז דעבאַטירט און אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ סטאַטוט לויטן פּראָיעקט פון די פּוילישע חבֿרים. מצד די יידן האָבן אָנטיילגענומען אין דער אַרבעט פון דער קאָמיסיע די ח"ח טייטל, פריידקעס און איך.

נאָכדעם ווי דער סטאַטוט איז אָנגענומען געוואָרן דורך דער רעדאַקציאָנעלער קאָמיסיע, האָבן די פאָרשטייער פון די 3 נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע זיינען געווען פאַרטרעטן אין דער קאָמיסיע (די ליטווינער האָבן זיך ניט באַטייליקט צוליב זייער נישטיק קליינער צאָל), פאָרגעשטעלט דעם סטאַטוט-פּראָיעקט אויף באַזונדערע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען די חבֿרים פון זייער נאַציאָנאַליטעט און די דאָ אָנגענומענע אויסבעסערונגען זיינען געוואָרן אַריינגעטראָגן אויף דער אַלגעמיינער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, וועלכע איז שפּעטער פאָרגעקומען אין בנין פון אוניווערסיטעט. יעדע נאַציאָנאַליטעט האָט אַרויסגעשטעלט 2 גענעראַל-רעדנער צו פאַרטיידיקן די דורך איר פאָרגעלייגטע אויסבעסערונגען. מצד די ייִדישע סטודענטן זיינען אַרויסגעטראָטן אויף דער פאַרזאַמלונג ח' כּוקס און איך.

לויט דעם סטאַטוט, וועלכער איז געוואָרן אָנגענומען אויף דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, איז דער נאַציאָנאַליטעטן-קלוב אַן „אַקאַדעמישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט דעם ציל צו דערנעענטערן די סטודענטן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן דורך באַקענען זיך מיט די קולטורן פון די נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע גייען אַריין אין קלוב".

§ 5. דער קלוב דערגרייכט זיינע צילן דורך א) פּראָפּאַגאַנדירן די אידעע פון טאָלעראַנץ פון נאַציאָנאַליטעטן; ב) אָרגאַניזירן קורסן און פאָרלעזונגען, וועלכע האָבן דעם ציל צו דערקענען די רעליגיע, קולטור, געשיכטע, ליטעראַטור און שפּראַך פון די נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע גייען אַריין אין קלוב.

§ 7. דער טיטל פון ערנמיטגליד פון קלוב. . . ווערט געגעבן נאָר פּערזאָנען, וועלכע האָבן ספּעציעלע פאַרדינסטן פאַר דער אידעע פון נאַציאָנאַליטעטן-פאַרברידערונג.

לויטן § 10 מוז צווישן אַנדערן יעדער מיטגליד פון קלוב „פּאָפּולאַריזירן די אידעע פון קלוב".

§ 12. אין נאַציאָנאַליטעטן-קלוב פון ווילנער אוניווערסיטעט זיינען גלייכבאַרעכטיקט אַלע שפּראַכן פון די נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע גייען אַריין אין קלוב.

לויטן סטאַטוט צעטיילט דער קלוב זיך אין אווטאָנאָמע נאַציאָנאַליטעטן-סעקציעס מיט באַזונדערע פּרעזידיומס (פון 3 פּערזאָן). אַלע סעקציע-פּרעזידיומס צוזאַמען בילדן די פאַרוואַלטונג פון קלוב, בראָש פון וועלכער עס שטייט דער פּרעזידיום פון קלוב.

ס'איז אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען, אַז בשעת מיר האָבן אויף דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג אַריינגעטראָגן אין נאָמען פון דער ייִדישער סעקציע

אַן אויסבעסערונג צום סטאַטוט, אַז אין צוזאַמענשטעל פון פרעזידיום פון קלוב גייען אַריין פאָרשטייער פון אַלע סעקציעס, איז די אויסבעסערונג נאָך לענגערע וויכּוחים אָנגענומען געוואָרן מיט די שטימען פון אַלע פּאָליאַקן און ווייסרוסן קעגן די שטימען פון 2... יידן־אַסימילאַטאָרן*), וועלכע האָבן אין נאָמען פון דער פּוילישער נאַציאָנאַליטעט פּראָטעסטירט קעגן דעם כּלומרשטן אומצוטרוי מצד די „קאָלעגן יידן"...

אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין אוניווערסיטעט, זיינען געווען סעקרעטאַרן פאַר אַלע 3 שפּראַכן. עס זיינען אויך געהאַלטן געוואָרן איינצלנע רעדעס אין ווייסרוסיש און יידיש.

נאָכן אָננעמען דעם סטאַטוט איז אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אויסגעווילט געוואָרן אַ לעגאַליזאַציע־קאָמיסיע פון 3 פּערזאָן צו לעגאַליזירן דעם סטאַטוט ביי דער אוניווערסיטעטס־מאַכט.

דערווייל אָבער האָט נאָך דער קלוב קיין שום טעטיקייט ניט אַנטוויקלט.

## VI. דער אַקאַדעמישער לערניאָר 1922/1921.

דער אָנהייב פון לויפנדיקן אַקאַדעמישן יאָר, דעם ערשטן פרידנס־יאָר, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דעם דראַנג פון דער יוגנט בכלל און דער יידישער בפרט אין אוניווערסיטעט אַריין. די גלייכגילטיקייט, מיט וועלכער די ווילנער יידישע בעזעלשאַפט האָט זיך לכתחילה באַצויגן צום אוניווערסיטעט, איז געבראָכן געוואָרן, גורם זייענדיק אַ פאַרשטאַרקטן צופלוס פון יידישע קאַנדידאַטן. די לעצטע אָבער, אויף וויפיל זיי האָבן געשטאַמט פון ווילנע אָדער בכלל פון די ראַנד־לענדער, האָבן זיך געפונען אין אַ שווערער לאַגע. די צייגנישן, וואָס זיי האָבן באַקומען די לעצטע יאָרן אין די אָרטיקע פּריוואַטע רוסישע גימנאַזיעס, זיינען דורך די דעקאַנען ניט אָנערקענט געוואָרן אַלס מלוכה־„מאַטורעס", וועלכע גיבן דאָס רעכט אָנצוקומען אין אוניווערסיטעט. אין בעסטן פאַל זיינען זיי געוואָרן אָנגענומען נאָר אַלס „פרייע צוהערער", וואָס עס גיט זיי ניט קיין שום רעכט און מעגלעכקייט אָנצווענדן אין לעבן פּראָפעסיאָנעל די דערוואָרבענע קענטענישן. אויף דעם מעדיציניש פאַקולטעט און דעם יורידישן — די וויכטיקסטע פון פּראַקטישן ווערט — איז געווען באַזונדערס שווער אָנצוקומען זאָגאַר פאַר די, וואָס האָבן געהאַט פּוילישע „מאַטורעס", ווייל דאָ האָט מען דורכאויס געפאָדערט פון די קאַנדידאַטן צייגנישן פון מיליטערדינסט אין דער פּוילישער אַרמיי...

### ווידער קוואַליפיציר־קאָמיסיע.

באַזונדערס האָבן די יידישע קאַנדידאַטן געפילט דאָסמאָל די שווערע האַנט פון דער ענדעקישער סטודענטישער קוואַליפיציר־קאָמיסיע, וועלכע האָט געשפּילט די טרויעריקע ראָלע פון אַ זשאַנדאַרם ביי דער טיר פון אוניווערסיטעט.

ס'איז שוין אויבן דערמאָנט געוואָרן די רעזאָלוציע פון 8־טן יולי 1920, לויט וועלכער נאָר די סטודענטן פון פּוילישער נאַציאָנאַליטעט זיינען מחויב געווען פרייוויליק אַריינצוטרעטן אין דער פּוילישער אַרמיי. די הייעריקע קוואַליפיציר־קאָמיסיע האָט איגנאָרירט דעם ניט־יורידישן יסוד פאַרברייטערט איר קאָמפּעטענץ און געפאָדערט פרייוויליקן פּוילישן מיליטערדינסט אויך פון אַלע יידישע קאַנדידאַטן (אויסער פון מיטלליטע), זאָגאַר פון די, וואָס האָבן געשטאַמט פון די „קרעסן". די ניט באַגרינדעטע פאָדערונג איז געווען די איינציקע סיבה אין אַ גאַנצער ריי פאַלן, אין וועלכע די יידישע קאַנדידאַטן זיינען ניט צוגעלאָזן געוואָרן אין אוניווערסיטעט. די צאָל פון די ניט דערלאָזטע דורך דער קוואַליפיציר־קאָמיסיע האָט באַטראָפן 56 פון יידישער נאַציאָנאַליטעט, אַ געוויסע צאָל יידן, וואָס האָבן אָנגעגעבן די פּוילישע נאַציאָנאַליטעט, און אַ נישטיק־קליינע צאָל פּאָליאַקן. צווישן די באַעוולטע האָבן זיך אויך געפונען ווייסרוסן, רוסן, ליטווינער און 1 טאָטער. ס'האָבן ניט געפעלט אויך קיין טרויעריקע קוריאָזן, וועלכע האָבן דערמאָנט אָן אַמאָליקן רעזשים פון צאַרישן רוסלאַנד. אַזוי, למשל, האָט מען פון דעם איצט 17־יעריקן ח' ל. געמאָנט פרייוויליקן מיליטערדינסט אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע פון יולי 1920, בשעת ער איז אַלט געווען קוים 15 יאָר, הגם דער דעקרעט וועגן פרייוויליקע האָט בפירוש פאָרגעזען אַ מינימום־עלטער פון 17 יאָר. מען האָט אים אַדורכגעלאָזן ערשט

*) איינער פון זיי איז געווען מיכאל פרענקעל, וועלכער איז מיט אַ האַלביאָר שפּעטער אומגעקומען פון דער באַן־קאַטאַסטראָפע ביי לינטופּי, בשעת אַן אַגיטאַציע־נסיעה פאַר די וואַלן אין ווילנער סיים.

מען מוז פאַרצייכענען, אַז נאָך זיין טראַגישן טויט „פאַר דער אידעע און פאָטערלאַנד" האָבן מאַנכע פּוילישע קאָלעגן אָרגאַניזירט אין אוניווערסיטעט די מודעות וועגן זיין לוויה און אין דער „מענסאַ אַקאַדעמיקאַ" האָבן זיך געהערט שטימען, וועלכע האָבן אויסגעדריקט פרייד צוליבן טויט פונם „זשיד".



נאָכדעם, ווען ח' ל. האָט צוגעשטעלט אַ צייגניש, אַז ער איז געבאָרן אין מיטלליטע. פון אַ צווייטן גאַליציאַנער חבר כּ., וועלכער איז אַלס עסטרייכישער מיליטערמאַן געווען אין איטאַליענישער געפאַנגענשאַפט ביז זומער 1921, האָט מען געפאָדערט אַ צייגניש פון דער איטאַליענישער מאַכט, אַז ער האָט זיך באַמיט אין יולי 1920 צו אַנטלויפן (!) פון געפאַנגענשאַפט, כּדי אַריינצוטרעטן אין דער פּוילישער אַרמיי. ח' ב., וואָס איז איצט אַלט 30 יאָר און איז אַן אינוואַליד פון דער רוסישער אַרמיי נאָך פון סוף יאָר 1914 און האָט צוגעשטעלט אַ צייגניש פון אַמבולאַנס פון דער 4־טער פּוילישער אַרמיי, אַז ער איז אויך איצט ניט פעאיק צום דינסט, האָט מען דאָך געשלסט, ווייל ער האָט ניט געדינט אין דער פּוילישער אַרמיי. אַזעלכע משונהדיקע פאַקטן איז געווען נאָך אַ סך און ס'איז זיי שווער אויסצורעכענען.

באַזונדערס שטרענג, און אין פיל פאַלן נאָך ווייניקער ווי אומקאָלעגאַריש, האָט זיך די קוואַליפיציר־קאָמיסיע באַצויגן צו די יידישע קאַנדידאַטן, וועלכע זיינען אָנגעקומען פון רוסלאַנד. די צייגנישן, וואָס די חברים האָבן צוגעשטעלט וועגן זייער באַשעפטיקונג אין רוסלאַנד, האָט מען ניט געשענקט קיין צוטרוי און אין מאַנכע פאַלן האָבן זאָגאַר ניט געהאָלפן קיין רעקאָמענדאַציעס פון די חשובסטע פּראָפעסאָרן פון ווילנער אוניווערסיטעט וועגן דער פּאָליטישער כשרקייט פון די זיי באַקאַנטע יידישע קאַנדידאַטן.

די פאַרוואַלטונג פון יידישן סטודענטן־פאַראיין איז גלייך צוגעטראָטן צו פאַררעגיסטרירן אַלע פאַלן, כּדי צו קאָנען אינטערווענירן. מ'האָט צוזאַמענגעשטעלט ביז 30 פּראָטאָקאָלן. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען מיט דעם פּרעזידיום פון דער קוואַליפיציר־קאָמיסיע איז באַשלאָסן געוואָרן צוזאַמענצורופן געמיינזאַמע זיצונגען פון דער קאָמיסיע פון איין זייט און פאָרשטייער פון די יידן פון דער צווייטער זייט, אויף וועלכע מען זאָל אַ צווייטן מאָל באַטראַכטן די „ספּראַוועס" פון די ניט־דורכגעלאָזטע חברים. מצד די יידן האָבן אָנטיילגענומען אין די זיצונגען ח' ב. זילבערבאַך און איך. איבערצייגנדיק זיך אָבער, אַז די קאָנפערענצן גיבן ניט קיין פּאָזיטיווע רעזולטאַטן, האָבן מיר נאָך 2 זיצונגען איבערגעריסן מיט דער קאָמיסיע*).

די צוזאַמענגעליטענע רדיפות מצד דער קוואַליפיציר־קאָמיסיע און די געמיינזאַמע אינטערעסן פון די נאַציאָנאַלע אַקאַדעמישע מינדערהייטן האָבן באַוואויגן די פאָרשטייער פון די יידישע און ווייסרוסישע נאַציאָנאַליטעטן צונויפצורײדן זיך וועגן דער לאַגע און וועגן די שריט, וואָס דאַרפן פאָרגענומען ווערן, כּדי געהעריק צו רעאַגירן אין פאַל פון נייטיקייט. אויף די בשותּפותדיקע קאָנפערענצן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין יידישן סטודענטן־פאַראיין און צום טייל אין ווייסרוסישן סטודענטן־פאַראיין, איז קלאָר געוואָרן, אַז ביידע נאַציאָנאַליטעטן פאַראייניקט די געמיינזאַמקייט פון אינטערעסן און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוטרעטן קאָנסאָלידירט און סאָלידאַר. אויף אַזאַ אופן זיינען די יידיש־ווייסרוסישע באַציאונגען אין אוניווערסיטעט, וועלכע האָבן שוין לאַנג געטראָגן אַ הערצלעך־קאָלעגאַרישן כאַראַקטער, איצט נאָך ענגער פאַרקניפּט געוואָרן און אויף דעם יערלעכן אַלגעמיינעם מיטינג פון אַלע אַקאַדעמיקער, וועלכער איז פאָרגעקומען אין איניקע המשכים אין די טעג 24 און 29 נאָוועמבער, האָט זיך לעבן דער יידישער שטימע אויך געלאָזט הערן, צום ערשטן מאָל אין אוניווערסיטעט, די שטימע פון אַ פאָרשטייער פון די ווייסרוסישע חברים, צום גרעסטן באַדויערן פון די צאָלרייך ביי געוועזענע ענדעקעס.

אויף אָט די אַלגעמיינע מיטינגען אין אוניווערסיטעט, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין איבערפולטן סניאַדעצקי־זאַל און געטראָגן אַ זייער ליידנשאַפטלעכן כאַראַקטער, איז מיר אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן אין נאָמען פון דער יידישער סטודענטנשאַפט קעגן די עוולות, וואָס די ר. מ. א. בכלל און די דורך איר געשאַפענע קוואַליפיציר־קאָמיסיע בפרט זיינען באַגאַנגען בנוגע דער יידישער סטודענטנשאַפט. קעגן דער ביזוויליקער הפקרות פון דער קאָמיסיע בנוגע יידן זיינען אויך זייער הייס אַרויסגעטראָטן די פּראָגרעסיווע פּוילישע סטודענטן מיט קאָל. זאַשטאָווט און סוויאַניעוויטש בראש. די פאַרזאַמלטע האָבן אָבער די אַלע רעדעס אויפגענומען מיט אַ שטאַרקער אומצופרידנקייט, איבעררייסנדיק אָפט די רעדנער מיט ליאַרימס און אָבסטרוקציעס. די אָנגענומענע רעזאָלוציע האָט אויסגעדריקט דער ר. מ. א. אַ דאַנק פאַר איר „טעטיקייט".

אויף דער פאַרזאַמלונג פון 23־טן נאָוועמבער איז ווידער־אַמאָל

*) בנוגע די חברים צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד, האָט די קאָמיסיע מסכּים געווען אָנצונעמען די רעקאָמענדאַציעס פון פאַרוואַלטונג פון סטודענטן־פאַראיין, דורך וועלכע עס זיינען צוגענומען געוואָרן 3 חברים.

אויפגעשוואומען די פראגע פון פראָפּאָרציאָנעלע וואלן אין ר. מ. א., וועלכע ס'האָט פאָרגעלייגט די פוילישע יוגנט פון לינקן פליגל און אויך פון צענטער. דער פוילישער רעפאָרם-פּראָיעקט איז אָבער ניט געווען קיין קאָנסעקווענטער און האָט פאָרגעלייגט פּראָפּאָרציאָנעלע וואלן נאָר פאר 7 מיטגלידער פון ראַט (אויף 9), מסכּים זייענדיק אויף וואלן פון פּרעזעס און וויצע-פּרעזעס פון ראַט לויט דער אַלטער וואל-אָרדינאַציע פון געוויינלעכער מערהייט, וועלכע פארזיכערט די שטעלעס פאר דער פוילישער נאַציאָנאַליטעט. עס איז דעריבער אריינגעטראָגן געוואָרן א יידיש-ווייסרוסישער פאָרשלאָג פון פּראָפּאָרציאָנעלע וואלן פאר אלע 9 מיטגלידער פון ראַט*). נאָך לאַנגע ליידנשאַפטלעכע וויכּוחים איז מיט 307 שטימען קעגן 259 דער רעפאָרם-פּראָיעקט אָפּגעוואָרפן געוואָרן. דער רעזולטאַט פון די וואלן ווערט אויפגענומען מיט געזאַנג פון פוילישן הימן: „נאָך איז פוילן ניט פאַרלאָרן!". אין נאָמען פון דער יידישער אַקאַדעמישער יוגנט האָב איך נאָכדעם פאָרגעלעזן און באַלייגט בײַם פּרעזידיום פון דער פאַרזאַמלונג פאָלגנדע דעקלאַראַציע:

„די יידישע אַקאַדעמישע יוגנט, שטייענדיק אויפן שטאַנדפּונקט פון דעמאָקראַטישן פּרינציפּ געפינט איין, אַז דער ראַט פון דער אַקאַדעמישער יוגנט דאַרף זיין א פאָרשטייערשאַפט פון אלע סטודענטן פון ווילנער אוניווערסיטעט.

„אַלס איינציקע גאַראַנטיע פארן דורכפירן דעם אויבנדערמאָנטן דעמאָקראַטישן פּרינציפּ אין לעבן פון ר. מ. א. און פאַרזיכערן אלע אידעאישע און נאַציאָנאַלע אַקאַדעמישע מינאָריטעטן א געהעריקע פאָרשטייערשאַפט אין ר. מ. א. האַלט די יידישע אַקאַדעמישע יוגנט דאָס אויסוויילן אלע מיטגלידער אין ראַט פון דער אַקאַדעמישער יוגנט אויפן יסוד פון דער 5-פאַכיקער וואַל-אָרדינאַציע, ד"ה גלייכע, דירעקטע, געהיימע, אַלגעמיינע און פּראָפּאָרציאָנעלע".

„די וואַל-אָרדינאַציע, וועלכער דאָס פוילישע פאָלק האָט ניט מורא געהאַט אָנצוטרויען דאָס גליק און וואוילשטאַנד פון דער רעפּובליק, קאָן דינען אַלס יסוד פון וואַלן אין ווילנער אוניווערסיטעט".

„צוליב דעם אָפּוואַרפן דעם פאָרשלאָג וועגן ענדערן די וואַל-אָרדינאַציע דריקט אויס די יידישע אַקאַדעמישע יוגנט איר פייערלעכן פּראָטעסט קעגן דער פאַרגוואַלטיקונג פון די דעמאָקראַטישע פּרינציפּן פון גלייכבאַרעכטיקונג און מעלדעט גלייכצייטיק, אַז זי זאָגט זיך אָפּ פון אָנטיילנעמען אין די וואַלן פון ר. מ. א."

די ווייסרוסן האָבן אויך אָפּגעגעבן אַן ערקלערונג אין זעלבן גייסט, און דאַן האָבן זיי צוזאַמען מיט די יידן פאַרלאָזט דעמאָנסטראַטיוו דעם זאַל.

## אָנטייל פון דער יידישער סטודענטשאַפט אין אַקאַדעמישן עפנטלעך-געזעלשאַפטלעכן לעבן.

די יידישע אַקאַדעמישע יוגנט האָט אין דעם יאָר איבערהויפּט ניט דורכגעלאָזט קיין שום וויכטיקע געשעעניש אין אינערלעכן אַלגעמיין-אַקאַדעמישן לעבן, אויף וועלכן זי זאָל ניט רעאַגירן און דורכדעם דאָקומענטירן איר עקזיסטענץ. אזוי צ"ב., בשעת עס האָט פאַרלאָזט ווילנע דער ביזאַיצטיקער רעקטאָר סיעדלעצקי האָט דער פאַראיין אים באַשאָנקען מיטן טיטל ערן-מיטגליד פון יידישן סטודענטן-פאַראיין און אָנטייל גענומען אין דער פייערלעכער אָפּשיידס-אַקאַדעמיע פון דער אַקאַדעמישער יוגנט אין קאָלומנען-זאַל פון אוניווערסיטעט.

נאָכן טויט פון פּראָפ. לודוויק יאַנאָווסקי, געוועזענער דעקאַן פון הומאַניסטישן פאַקולטעט, וועלכער איז געווען פּאָפּולער צווישן דער יידישער סטודענטשאַפט אַלס פאָרזיצער פון דער אוניווערסיטעטס-קאָמיסיע פאַר הוספה-עקזאַמענס, כּדי צו פאַרגעוויינלעכן די פרייע צוהערער האָט, ניט געפעלט צווישן די קרענץ אויך „פון דער יידישער

*) ביי דער געלעגנהייט איז כּדאי צו פאַרצייכענען אַן עפּיזאָד, וועלכער כאַראַקטעריזירט די יידיש-פוילישע באַציאונגען אין אוניווערסיטעט: אין טאָג פון די וויכּוחים אַרום דער וואַל-רעפאָרם איז ביי מיטאָג צו מיר צוגעגאַנגען דער לידער פון .O. M. N (צענטער) און געזאָגט, אַז אין אָוונט אויפן מיטינג וועט ער גלייך נאָכן אַריינטראָגן דעם רעפאָרם-פּראָיעקט אַרויסטרעטן מיט א שאַרפער רעדע קעגן יידן, כּדי צו כּשרן די רעפאָרם אין די אויגן פון סטודענטישן המון, און ער בעט מיך אים שאַרף אָפּצוענטפערן, כּדי נאָך מער צו פאַרפעסטיקן די פּאָזיציעס פון די רעפאָרמער, וואָס עס ליגט אויך אין די אינטערעסן פון די יידן. ערשט, ווען איך האָב דעם הייסן אָנהענגער פון דעמאָקראַטישע וואלן קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז די יידן האַלטן ניט פון פּרינציפּ, אַז דאָס ציל היילִיקט די מיטלען, וועלן קיינמאָל ניט ערלויבן צו שאַטן מיט דעם נאַציאָנאַלן כּבוד און וועלן זיין געצוואונגען צו דעמאַסקירן אויפן מיטינג די פּסעוודאָ-דעמאָקראַטן פון צענטער, האָט זיך דער קאָלעגע געמוזט שיידן מיט זיין שיינעם איינפאַל.





אַקאַדעמישער יוגנט — דעם גרויסן פּראָפעסאָר און איידעלן מענטש" און דער שרייבער פון די שורות האָט דעם פאַרשטאָרבענעם מספּיד געווען אויפן בית-עולם ראָסאַ.

ווען עס זיינען פאָרגעקומען רעוויזיעס אין די לאָקאַלן פון די ווייסרוסישע אָרגאַניזאַציעס, בשעת וועלכע מען האָט זיך אַריינגעריסן אויך אין לאָקאַל פון ווייסרוסישן סטודענטן-פאַראיין, איז אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די יידישע סטודענטן אָנגענומען געוואָרן א פּראָטעסט-רעזאָלוציע קעגן דיי־עניקע פון די פוילישע קאָלעגן, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין די רעוויזיעס און אויסצודריקן די ווייסרוסישע חברים מיטגעפיל צוליב דעם גוואַלדטאַט.

אָט דער אַקטיווער אָנטייל פון דער יידישער סטודענטנשאַפט אין דעם געזעלשאַפטלעך-אַקאַדעמישן לעבן האָט געשטאַרקט איר פּרעסטיזש און געצוואונגען זיך מיט איר צו רעכענען די אַנדערע אַקאַדעמישע אָרגאַניזאַציעס און די פאָרשטייער פון דער יידישער סטודענטנשאַפט זיינען געוואָרן איינגעלאַדן אויף פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע ראַאוטן דורך גענעראַל זשעליגאָווסקי, פּרעזעס פון דער צייטווייליקער רעגירונגס-קאָמיסיע א. מיישטאָוויטש, ווילנער מאַגיסטראַט א. א.

## די „קעגנזייטיקע הילף" אין אָנהייב פון יאָר 1922.

די יידישע סטודענטישע משפּחה, וועלכע האָט זיך טראָץ אַלעם אין דעם יאָר שטאַרק פאַרגרעסערט, דערגרייכנדיק די צאָל פון 370 לויט אמונה און 297 לויט דער נאַציאָנאַליטעט, האָט זיך גרופּירט אַרום דער יידישן סטודענטן-פאַראיין, וועלכער איז דורכדעם געשטעלט געוואָרן פאַר גרויסע אויפגאַבן פון עקאָנאָמישן און קולטורעלן כאַראַקטער.

דער פאַראיין ציילט איצט אין אָנהייב יאָר 1922, העכער 260 מיטגלידער.

די אַרבעט ווערט דורך דער פאַרוואַלטונג פאַרטיילט אין פאַרשיידענע קאָמיסיעס און סעקציעס, וועלכע נעמען אַרום באַשטימטע צווייגן פון דער פאַראיינס-טעטיקייט.

עס עקסיסטירן 7 קאָמיסיעס און סעקציעס: פאַר קולטור, קונסט, ספּאָרט, געזונטהייט, ניט שטענדיקע הכנסות, קיך און אַרבעטס-פאַרמיטלונג.

דער מיטגלידס-אָפּצאָל פון די חברים, וועלכער באַטרעפט היינט 100 מאַרק מאָנאַטלעך, קאָן ניט דעקן זאָגאַר צום טייל דעם מיליאָנען-ביודזשעט פון פאַראיין. פון דער רעגירונגס-סובסידיע, וועלכע טרעפט אָן מיליאָנען פאַר די פוילישע „בראַטניאַ פּאָמאָץ", באַקומען מיר ווייטער ניט. דער פאַראיין איז דעריבער געצוואונגען צו אַראַנזשירן פון צייט צו צייט אונטערנעמונגען צו פאַרשטאַרקן די פינאַנסן פון פאַראיין. דאָס איז די אויפגאַבע פון א ספּעציעלער קאָמיסיע. אַדאַנק דער אויפמערקזאַמקייט, וועלכע די יידישע געזעלשאַפט אין ווילנע ווייזט אַרויס דער יידישער סטודענטנשאַפט, האָבן די פאַראַנשטאַלטונגען שטענדיק דעם גרעסטן ערפאָלג. דעם ווינטער איז איינגעאָרדנט געוואָרן א טעאַטער-פאָרשטעלונג („די משפּחה" פון נאָמבערג) מיטן אָנטייל פון אסתּר רחל קאַמינסקאַ (נעטאָ הכנסה אַרום 830 טויזנט מאַרק), א יידישער פאָלקס-לידער-קאָנצערט (נעטאָ-הכנסה אַרום 230 טויזנט מאַרק) און א קאָנצערט פון יידישער פאָלקסמוזיק פון לעאָ צייטלין (נעטאָ-הכנסה אַרום 400 טויזנט מאַרק).

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידישע סטודענטן אין ווילנע איז עטוואָס בעסער ווי אין אַנדערע אוניווערסיטעטס-צענטערס. די ניט ווילנער סטודענטן, אויף וויפיל זיי שטאַמען פון פוילן, זיינען אין א גרויסער צאָל באַשעפטיקט אין די צאָלרייכע שולן און קורסן פון די פאַרשיידענע ווילנער בילדונגס-צענטראַלעס, פּריוואַטע גימנאַזיעס א. אַז. וו. אַלס לערער פון דער פוילישער שפּראַך. א געוויסער טייל סטודענטן איז אויך באַשעפטיקט אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטן און פּריוואַטע ביוראָס. דאָך איז די אַרבעטסלאָזיקייט גענוג גרויס און צווינגט פיל מאָל די חברים אָנצונעמען אַרבעט, וועלכע שטערט זיי אין שטודיום. איך קאָן א חבר, וועלכער איז געצוואונגען צו שפּילן אין איינעם פון די אָרטיקע קינאָס יעדן טאָג פון 6 ביז 11 אָוונט, הגם ער האָט אין די אָוונט-שעהן לעקציעס אין אוניווערסיטעט און פּראַקטישע אַרבעט אין לאַבאָראַטאָריום.

איינע פון די וויכטיקסטע אַרבעטן, וועלכע מוז איצט געטאָן ווערן צווישן דער יידישער סטודענטנשאַפט, איז יידישע קולטור-אַרבעט. דער דורכשניטלעכער יידישער סטודענט געפינט זיך אין דער היגזיכט אין א אויסנאַמס-לאַגע. אין דער צייט, ווען דער סטודענט פון אַן אַנדער נאַציאָנאַליטעט טראָגט אַרויס שוין פון דער מיטלשול דאָס קענטעניש פון זיין נאַציאָנאַלער קולטור און ליבע צו איר, בלייבט דער יידישער סטודענט, וועלכער קומט אין אוניווערסיטעט פון דער פוילישער אָדער רוסישער מיטלשול, מערסטנטיילס פאַרפרעמדט פאַר דער יידישער שפּראַך און פאַר די יידישע קולטור-אוצרות און האָט ניט קיין פאַרשטענדעניש און געפיל דערפאַר. די צייט פון שטודיום, ווען דער לעבנסשטייגער און רוטינע האָבן נאָך ניט אָפּגעטעמפּט דאָס געפיל פון אונטערוואַקסנדיקן יידישן אינטעליגענט, מוז ווערן אויסגענוצט, כּדי צו דערוועקן

אין אים דאָס, וואָס זאָל שפּעטער דינען אַלס אימפּולס צו אַרבעט פאַרן פאָלק.

אין דער באַציאונג דאַרף מען ווילנע באַטראַכטן אַלס גליקלעכע שטאָט פאַרן יידישן אַקאַדעמיקער. אַלס גרויסער יידישער קולטור-צענטער איז ווילנע שטאַרק משפּיע אויפן יידישן סטודענט. די איינהייטלעכקייט פון יידישן פּראָנט כלפּי חוץ, די אומגעוויינלעכע מוטיקייט פון די יידישע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טוער, די אָפענע par exellence יידישע פּאָליטיק, וועלכע ווערט דאָ געפירט און די גלייכהייט פון איר ליניע, דאָס בויען מיט אַזאַ מסירת-נפש אַ יידיש שולוועזן מיט סעמינאַריומס און שאַפן נייע יידישע קולטור-ווערטן, דער קאַמף פאַר דער יידישער שפּראַך און די ווייטערדיקע אויסבויאונג פון די געוואונענע פּאָזיציעס — דאָס אַלץ מוז סוגעסטירן און מיטרייסן מיט זיך דעם יונגן ייד און אַיינפלאַנצן אין אים יראת-הכבוד פאַר דעם, פאַר וואָס עס ווערט מיט אַזאַ מכּקיר-זיין-זיך געקעמפט.

אָפּגעוועזן אייניקע חדשים אין ווילנע, פאַרשטייט יעדער סטודענט, אַז אויף אַ פאַרזאַמלונג פון יידישע סטודענטן מוז מען ריידן יידיש, אין דער צייט ווען אין די איבעריקע פּוילישע אוניווערסיטעטס-צענטערס ווערט אויף קיין שום יידישער סטודענטנפאַרזאַמלונג קיין יידיש ניט גערעדט. איך קאָן יידישע סטודענטקעס, וועלכע האָבן געענדיקט אין לאָדז פּויליש-אַנטיסעמיטישע גימנאַזיעס און אָנקומענדיק אין ווילנע אָנגעגעבן די פּוילישע נאַציאָנאַליטעט און געלעבט אין דורכאויס-פּוילישע קרייזן און דאָ ניט לאַנג האָב איך זיי געהערט געשמאַק ריידן יידיש אין גאַס און טאַקע מיטן ווילנער דיאַלעקט. דאָ קאָן מען אויך, למשל, הערן יידיש ריידן אין דער כעמישער לאַבאָראַטאָריע, וואו מען זשענירט זיך ניט מיט דער אָנוועזנהייט פון די פּראָפעסאָרן. דאָס איז דער כּוח פון ווילנע. Genius loci!

אַ לעבעדיקע טעטיקייט אַנטוויקלט אין יידישן סטודענטן-פאַראיין די קולטור-קאָמיסיע, וועלכע ווערט פאַרטיילט אין 3 סוב-קאָמיסיעס: 1) פאַר ביבליאָטעק און לייענזאַל; 2) פאַר קורסן און פאָרלעזונגען און 3) רעדאַקציאָנעלע קאָלעגיע.

1) ביים קלוב עקסיסטירט אַ לייענזאַל מיט צייטשריפטן אין פאַרשיידענע שפּראַכן.

אַדאַנק דער מתּנה פון ח' הירש מ"ץ, וועלכער האָט דעם פאַראיין געשענקט אַ ביכער-שראַנק מיט פיל ווערטפולע וויסנשאַפטלעכע ביכער אין פאַרשיידענע שפּראַכן און 50 טויזנט מאַרק, פאַר וועלכע ס'איז אייעקויפט געוואָרן די ווערק פון די יידישע קלאַסיקער, וועט אין דער נאָענטסטער צוקונפט געעפנט ווערן ביים פאַראיין אַ ביבליאָטעק.

2) ס'זיינען געעפנט געוואָרן קורסן פאַר דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, אויף וועלכע עס לערנען זיך דערווייל 10 — 15 ח"ח. די קורסן ווערן אָנגעפירט דורך אַ חבר.

אויסערדעם זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ריי פאָרלעזונגען פון

א) ד"ר יוריס („רעוואָלוציע פון נשמות" — 70 באַזוכער),

ב) ב. רובשטיין („די בענקשאַפט נאָך גאולה ביי פּרץ" — 56 באַזוכער) און אַ ליטעראַרישער משפּט איבער מירעלע פון ד. בערגעלסאָנס ראָמאַן „נאָך אַלעמען" (העכער 100 באַזוכער).

יעדע וואָך קומען פאָר דיסקוסיאָנעלע אָוונטן אויף פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע טעמעס, וועלכע רופן אַרויס ביי די אָנטיילנעמער אַ שטאַרקן אינטערעס.

3) די רעדאַקציאָנעלע קאָלעגיע טרעט צו אַרויסצוגעבן אַ צייטשריפט אין דער יידישער שפּראַך, וועלכע זאָל זיין געווידמעט די פראַגן פון יידיש-אַקאַדעמישן לעבן.

די קונסט-סעקציע, אַרום וועלכער עס גרופּירן זיך די דראַמאַטישע און מוזיקאַלישע כּוחות פון די חברים, שטעלט צוזאַמען און פירט אויס די פּראָגראַם פון חברישע פאַרוויילונגס-אָוונטן, וועלכע קומען פאָר אין פאַראיין.

אין דער גאָר לעצטער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצוקריסטאַליזירן פאַרשיידענע פּאַרטיי-גרופּירונגען צווישן דער יידישער סטודענטנשאַפט. דאָס אַנטשטיין פון אַ ציוניסטישן אַקאַדעמישן פאַרבאַנד אונטערן נאָמען „ארץ ודרור" האָט געדינט אַלס אימפּולס צום שאַפן אויך אַנדערע גרופּירונגען. אַרום דעם „פרייען פאַרבאַנד פון דער יידישער אַקאַדעמישער פּראָגרעסיווער יוגנט" זאַמלען זיך פאַרשיידענע גרופּירונגען, אָנהייבנדיק פון פאָלקיסטן-דעמאָקראַטן ביז די ראַדיקאַלסטע סאָציאַליסטן.

* *

*

די יידישע סטודענטנשאַפט פאַרפעסטיקט טראָץ אַלעם אירע פּאָזיציעס אין אוניווערסיטעט. פאַרן פאָרום פון דער אַקאַדעמישער געזעלשאַפטלעכקייט פאַרטרעט זי פרייע דעמאָקראַטישע לאָזונגען און פאַרטיידיקט מיט זעלבסטווערדע דעם יידישן נאַציאָנאַלן כּבוד. זי געפינט זיך אין פריינדלעכע באַציאונגען מיט דער פּוילישער פּראָגרעסיווער אַקאַדעמישער יוגנט און אין באַזונדערס הערצלעכע באַציאונגען מיט דער ווייסרוסישער אַקאַדעמישער יוגנט. די יידישע סטודענטנשאַפט געפינט זיך אונטער דער שטאַרקער השפּעה פון דער יידישער ווילנע, וועמעס געזעלשאַפט עס ווייזט איר אַרויס די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט און פאַרשטענדעניש.

כלפּי פּנים האָט די יידישע סטודענטנשאַפט נאָך ניט אָפּגעשלאָסן דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן פּעריאָד און עס איז פאַראַן אַ שטאַרקער ווילן צו אָרגאַניזירן די יידישע סטודענטנשאַפט אַזוי, אַז זי זאָל קאָנען אַריינטרעטן אין די רייען פון די, וועלכע וועלן ווייטער פירן די שווערע אַרבעט פאַר דער אויפלעבונג פון דעם יידישן פאָלק.

---

אין משך פון דער צייט, ווען דער אַרטיקל איז געוואָרן אָנגעשריבן (אָנהייב יאָר 1922) ביז איצט, ווען ער ווערט געזעצט (יוני 1922), האָט די ווילנער יידישע סטודענטנשאַפט פאַרברייטערט איר ווירקונגס-קרייז און אַדאַנק דעם פיל געוואונען אין אויטאָריטעט לגבי דער אוניווערסיטעטס-מאַכט און געזעלשאַפט.

אָט זיינען אין קורצן די וויכטיקסטע געשעענישן אין ווילנער יידישן אַקאַדעמישן לעבן פון דער גאָר-לעצטער צייט:

פון 12-טן ביזן 14-טן מערץ איז אין ווילנע פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון אויספיר-קאָמיטעט פון די יידישע אַקאַדעמישע זעלבסט-הילף-אָרגאַניזאַציעס ביי די פּוילישע הויכשולן מיטן אָנטייל פון דעלעגאַטן פון וואַרשע, קראָקע, לעמבערג און ווילנע, וועלכע האָט אָנגענומען אַ גאַנצע ריי קאַרדינאַלע באַשלוסן בנוגע דער ווייטערדיקער אָרגאַניזירונג פון דער טעטיקייט. אַ דעפּוטאַציע פון דער קאָנפערענץ איז אָפיציעל געוואָרן אויפגענומען דורכן רעקטאָר סטאַניעוויטש. אין פייערלעכן באַנקעט לכבוד די דעלעגאַטן האָבן אָנטייל גענומען פאָרשטייער פון דער גאַנצער יידישער געזעלשאַפט אָן אונטערשייד פון פּאַרטיי און ריכטונג, ווי אויך פאָרשטייער פון „בראַטניאַ פּאָמאָץ", פּוילישער פּראָגרעסיווער יוגנט און ווייסרוסישער סטודענטנשאַפט.

אין דער צייט פון 4-טן ביזן 11-טן מאַי איז געוואָרן אַדורכגעפירט אין ווילנע די זאַמל-אַקציע פון דער „אַקאַדעמישער וואָך" אונטערן לאָזונג „די יידישע געזעלשאַפט פאַר דער יידישער אַקאַדעמישער יוגנט". אין דער „וואָך" איז ערשינען דער ערשטער יידישער אַקאַדעמישער איינטאָגבלאַט „פאַרן יידישן אַקאַדעמיקער" מיט פיל אַרטיקלען פון פאָרשטייער פון דער געזעלשאַפט און סטודענטן. עס זיינען אויך אַיינגעאָרדנט געוואָרן ספּעציעלע מיטינגען מיטן אָנטייל פון די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פון דער געזעלשאַפט און סטודענטן. די „וואָך" איז אַדורך מיט ערפאָלג און האָט צוזאַמען מיט די זאַמלונגען, וועלכע זיינען שפּעטער אַדורכגעפירט געוואָרן אויך אין אַ טייל פון ווילנער פּראָווינץ (לידע, גלובאָקע און אַנד.) איינגעבראַכט אַרום דריי מיליאָן מאַרק.

ענדלעך האָט אויך דער יידישער סטודענטן-פאַראיין „קעגנזייטיקע הילף" באַקומען פון דער אוניווערסיטעטס-מאַכט די ערשטע סומע פון 70 טויזנט מאַרק אַלס אַ טייל פון דער רעגירונגס-סובווענץ פאַר דער אַקאַדעמישער יוגנט, וואָס עס איז דער ערשטער פאַל אין די פּוילישע אוניווערסיטעטן.

# הוספות.

## די יידישע סטודענטנשאַפט פון ווילנער אוניווערסיטעט אין די יאָרן 1919—1922 אין ציפערן און פאַרגלייכונגען.

טאַבעלע I.

סטאַטיסטיק פון דער סטודענטנשאַפט אין ווינטער־סעמעסטער 1919—20.

| פאַקולטעט | סטודענטן | | | פרייע צוהערער | | | סך־הכּל | | | אָפּשטאַמונג | | אמונה | | נאַציאָנאַליטעט | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | מענער | פרויען | צוזאַמען | מענער | פרויען | צוזאַמען | מענער | פרויען | צוזאַמען | | | | | | |
| הומאַניסטישער — — | 14 | 11 | 25 | 18 | 115 | 133 | 32 | 126 | 158 | ליטע און ווייסרוסל. | 392 | רוימיש־קאַטויליש | 448 | פּוילישע — — — | 472 |
| טעאָלאָגישער — — — | 3 | — | 3 | 5 | — | 5 | 8 | — | 8 | קאָנגרעס־פּוילן — | 105 | גריכיש־קאַטויליש | 1 | ליטווישע — — | 6 |
| יורידישער — — — — | 90 | 18 | 108 | 5 | 6 | 11 | 95 | 24 | 119 | גאַליציע — — | 5 | פּראַוואָסלאַוונע — | 6 | ווייסרוס׳שע — — | 5 |
| נאַטורוויס. מאַטעמ. — | 53 | 23 | 76 | 3 | 8 | 11 | 56 | 31 | 87 | אַנדערע טיילן פּוילן | 8 | עוואַנגעלישע — — | 7 | דייטשע — — — | 2 |
| מעדיצינישער — — | 64 | 48 | 112 | — | — | — | 64 | 48 | 12 | רוסלאַנד — — — | 37 | משהס גלויבן — | 80 | יידישע — — — | 53 |
| „ פאַרמאַצ. | 6 | 1 | 7 | 21 | 2 | 23 | 27 | 3 | 30 | | | אַנדערע — — — | 5 | רוסישע — — — | 6 |
| קונסט — — — — | 8 | 12 | 20 | 7 | 6 | 13 | 51 | 18 | 33 | | | | | אַנדערע — — — | 3 |
| צוזאַמען — | 238 | 113 | 351 | 59 | 137 | 196 | 296 | 251 | 547 | סך־הכּל — — — | 547 | סך־הכּל — — — | 547 | סך־הכּל — — — | 547 |

טאַבעלע II.

סטאַטיסטיק פון דער סטודענטנשאַפט אין זומער־סעמעסטער 1919—20.

| פאַקולטעט | סטודענטן | | | פרייע צוהערער | | | סך־הכּל | | | אמונה | | | | | נאַציאָנאַליטעט | | | | | | | אָפּשטאַמונג | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | מענער | פרויען | צוזאַמען | מענער | פרויען | צוזאַמען | מענער | פרויען | צוזאַמען | קאַטויליש | עוואַנגעליש | משהס גלויבן | פּראַוואָסלאַוונע | אַנדערע | פּוילישע | ליטווישע | ווייסרוסישע | דייטשע | רוסישע | יידישע | אַנדערע | | |
| הומאַניסטישער — — | 15 | 10 | 25 | 23 | 83 | 106 | 38 | 93 | 131 | 103 | 2 | 26 | — | — | 114 | 1 | — | 2 | — | 14 | — | ליטע און ווייס־ | |
| טעאָלאָגישער — — | 5 | — | 5 | 4 | — | 4 | 9 | — | 9 | 9 | — | — | — | — | 7 | 2 | — | — | — | — | — | רוסלאַנד — | 349 |
| יורידישער — — — | 99 | 14 | 113 | 9 | 7 | 16 | 108 | 21 | 129 | 110 | 2 | 15 | — | 2 | 111 | 3 | 1 | — | — | 14 | — | קאָנגרעס פּוילן — | 100 |
| נאַטורוויסנש. מאַטעמ. | 65 | 20 | 85 | 4 | 4 | 8 | 69 | 24 | 93 | 66 | 1 | 22 | 2 | 1 | 71 | — | 3 | — | 1 | 17 | 1 | גאַליציען — — | 30 |
| מעדיצינישער מיט | | | | | | | | | | | | | | | | | | | | | | אַנד. טיילן פּוילן | 6 |
| פאַרמאַציע — — | 93 | 46 | 139 | 28 | 2 | 30 | 121 | 48 | 169 | 128 | 3 | 30 | 7 | 2 | 140 | 1 | 3 | — | 4 | 21 | — | רוסלאַנד — — | 57 |
| קונסט — — — — | 7 | 16 | 23 | 5 | 6 | 11 | 12 | 22 | 34 | 27 | — | 6 | — | 1 | 27 | — | — | — | 1 | 6 | — | אַנד. לענדער — | 23 |
| צוזאַמען — — | 284 | 106 | 390 | 73 | 102 | 175 | 357 | 208 | 565 | 443 | 8 | 99 | 9 | 6 | 470 | 7 | 7 | 2 | 6 | 72 | 1 | | 565 |

טאַבעלע III.

סטאַטיסטיק פון דער סטודענטנשאַפט אין ווינטער־סעמעסטער 1920—21.

| פאַקולטעט | סטודענטן | | | פרייע צוהערער | | | סך־הכּל | | | אָפּשטאַמונג | | אמונה | | נאַציאָנאַליטעט | | % פון נאַציאָנאַל. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | מענער | פרויען | צוזאַמען | מענער | פרויען | צוזאַמען | מענער | פרויען | צוזאַמען | | | | | | | |
| הומאַניסטישער — — | 25 | 24 | 49 | 15 | 88 | 103 | 40 | 112 | 152 | ליטע און ווייסרוסל. | 541 | רוימיש־קאַטויליש | 609 | פּוילישע — — — | 647 | 82,11 |
| טעאָלאָגישער — — | 10 | — | 10 | 2 | — | 2 | 12 | — | 12 | קאָנגרעס פּוילן — | 119 | גריכיש „ | 2 | ליטווישע — — | 3 | 0,51 |
| יורידישער — — — | 163 | 38 | 206 | 13 | 6 | 19 | 181 | 44 | 225 | גאַליציע — — — | 20 | פּראַוואָסלאַוונע — | 23 | ווייסרוסישע — — | 19 | 2,41 |
| נאַטורוויס. מאַטעמ. — | 84 | 21 | 105 | 35 | 7 | 42 | 119 | 28 | 147 | אַנדערע טיילן פּוילן | 6 | עוואַנגעליש — — | 13 | דייטשע — — — | 3 | 0,39 |
| מעדיצינישער — — | 107 | 59 | 166 | 12 | 1 | 13 | 119 | 60 | 179 | רוסלאַנד — — — | 68 | משהס גלויבן — | 131 | יידישע — — — | 103 | 13,71 |
| „ פאַרמאַצ. — | 4 | 1 | 5 | 33 | 1 | 34 | 37 | 2 | 39 | אַנדערע לענדער — | 34 | אַנדערע אמונות — | 5 | רוסישע — — — | 7 | 0,89 |
| קונסט — — — — | 12 | 8 | 20 | 8 | 6 | 14 | 20 | 14 | 34 | | | קאָנפעסיאָנסלאָזע — | 5 | אַנדערע — — — | 5 | 0,63 |
| צוזאַמען — — | 410 | 151 | 521 | 118 | 109 | 227 | 528 | 260 | 788 | | 788 | | 788 | | 788 | |

טאַבעלע IV.

## סטאַטיסטיק פון דער סטודענטנשאַפט אין זומער־סעמעסטער 21—1920*).

אינגאַנצן איז געווען (סטודענטן און פרייע צוהערער) 928 פערזאָן, דאַרונטער 621 מענער און 307 פרויען.

| אָפּשטאַמונג | | אמונה | | נאַציאָנאַליטעט | | % פון נאַציאָנאַליטעט |
|---|---|---|---|---|---|---|
| פון ווילנער קאַנט און שכנותדיקע ערטער | 644 | רוימיש־קאַטויליש | 717 | פּאָליאַקן | 762 | 82,11 |
| קאָנגרעס־פּוילן | 149 | גריכיש־קאַטויליש | 3 | ליטווינער | 5 | 0,51 |
| גאַליציע | 20 | פּראַוואָסלאַווגע | 27 | ווייסרוסן | 22 | 2,41 |
| אַנדערע טיילן פּוילן | 8 | עוואַנגעליש | 15 | דייטשן | 4 | 0,38 |
| רוסלאַנד | 68 | משהס גלויבן | 156 | יידן | 130 | 14,01 |
| אַנדערע לענדער | 39 | אַנדערע אמונות | 5 | רוסן | 5 | 0,53 |
| | | קאָנפעסיאָנסלאָזע | 5 | | | |
| | 928 | | 928 | | 928 | |

*) די טאַבעלע III האָט ניט אין דער רובריק נאַציאָנאַליטעט די „אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן", וועלכע זיינען וואַרשיינלעך צוליב אַן אומפאַרשטייעניש צעטיילט געוואָרן צווישן די אויסגערעכנטע נאַציאָנאַליטעטן. צוליב זייער קליינער צאָל (אין טאַב. III פון זעלביקן יאָר נאָר 5) האָבן זיי ניט קיין גרויסן באַטרעף פאַר די אויסרעכענונגען.

טאַבעלע V.

## אַלגעמיינע סטאַטיסטיק פון דער סטודענטנשאַפט אין אַקאַדעמישן יאָר 22—1921.

| | סטודענטן | | | פרייע צוהערער | | | סך־הכל | | | % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | מענער | פרויען | צוזאַמען | מענער | פרויען | צוזאַמען | מענער | פרויען | צוזאַמען | |
| **A. לויט אמונה.** | | | | | | | | | | |
| רוימיש־קאַטויליש | 573 | 248 | 821 | 231 | 191 | 422 | 804 | 439 | 1243 | 71,64 |
| **משהס גלויבן** | **126** | **68** | **194** | **84** | **92** | **176** | **210** | **160** | **370** | **21,32** |
| פּראַוואָסלאַווגע | 33 | 10 | 43 | 10 | 15 | 25 | 43 | 25 | 68 | 3,93 |
| עוואַנגעליש | 10 | 6 | 16 | 6 | 8 | 14 | 16 | 14 | 30 | 1,74 |
| מחמדאַניש | 7 | 2 | 9 | — | — | — | 7 | 2 | 9 | 0,52 |
| קאָנפעסיאָנסלאָזע | 8 | 2 | 10 | 2 | — | 2 | 10 | 2 | 12 | 0,69 |
| קאַראַאימיש | 2 | — | 2 | — | — | — | 2 | — | 2 | 0,11 |
| סטאַראָאָבריאַדצע | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 | 0,05 |
| **צוזאַמען** | **760** | **336** | **1096** | **333** | **306** | **639** | **1093** | **642** | **1735** | **100** |
| **B. לויט נאַציאָנאַליטעט.** | | | | | | | | | | |
| פּוילישע | 636 | 271 | 907 | 237 | 205 | 446 | 873 | 476 | 1349 | 77,75 |
| **יידישע** | **76** | **56** | **132** | **80** | **85** | **165** | **156** | **141** | **297** | **17,11** |
| רוסישע | 10 | 3 | 13 | 1 | 3 | 4 | 11 | 6 | 17 | 0,97 |
| ווייסרוסישע | 26 | 3 | 29 | 12 | 8 | 20 | 38 | 11 | 49 | 2,87 |
| דייטשע | 2 | 1 | 3 | — | 4 | 4 | 2 | 5 | 7 | 0,41 |
| ליטווישע | 3 | — | 3 | 3 | 1 | 4 | 6 | 1 | 7 | 0,41 |
| טאַטערישע | 6 | 2 | 8 | — | — | — | 6 | 2 | 8 | 0,45 |
| קאַראַאימישע | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 | 0,05 |
| **צוזאַמען** | **760** | **336** | **1096** | **333** | **306** | **639** | **1093** | **642** | **1735** | **100** |
| **C. לויט מוטער־שפּראַך.** | | | | | | | | | | |
| פּויליש | 638 | 271 | 909 | 242 | 207 | 449 | 880 | 478 | 1358 | 78,27 |
| **יידיש** | **76** | **56** | **132** | **79** | **84** | **163** | **155** | **140** | **295** | **17,—** |
| רוסיש | 14 | 5 | 19 | 3 | 5 | 8 | 17 | 10 | 27 | 1,54 |
| ווייסרוסיש | 23 | 2 | 25 | 7 | 7 | 14 | 30 | 9 | 39 | 2,24 |
| טאַטעריש | 5 | 1 | 6 | — | — | — | 5 | 1 | 6 | 0,35 |
| דייטש | 1 | 1 | 2 | — | 3 | 3 | 1 | 4 | 5 | 0,30 |
| ליטוויש | 3 | — | 3 | 2 | — | 2 | 5 | — | 5 | 0.30 |
| **צוזאַמען** | **760** | **336** | **1096** | **333** | **306** | **639** | **1093** | **642** | **1735** | **100** |

טאַבעלע Va

## סטאַטיסטיק פון דער סטודענטנשאַפט אויפן הומאַניסטישן פאַקולטעט אין אַקאַדעמישן יאָר 22—1921.

| | סטודענטן | | | פרייע צוהערער | | | סך־הכל | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | מענער | פרויען | צוזאַמען | מענער | פרויען | צוזאַמען | מענער | פרויען | צוזאַמען |
| **A. לויט אמונה.** | | | | | | | | | |
| רוימיש־קאַטויליש | 51 | 64 | 115 | 58 | 151 | 209 | 109 | 215 | 324 |
| משה גלויבן | 7 | 11 | 18 | 34 | 64 | 98 | 41 | 75 | 116 |
| פראַוואָסלאַוונע | 2 | 1 | 3 | 2 | 11 | 13 | 4 | 12 | 16 |
| עוואַנגעליש | 1 | 2 | 3 | 4 | 6 | 10 | 5 | 8 | 13 |
| מחמדאַניש | — | 1 | 1 | — | — | — | — | 1 | 1 |
| צוזאַמען | 61 | 79 | 140 | 98 | 232 | 330 | 159 | 311 | 470 |
| **B. לויט נאַציאָנאַליטעט** | | | | | | | | | |
| פוילישע | 56 | 71 | 127 | 61 | 163 | 224 | 117 | 234 | 351 |
| יידישע | 3 | 6 | 9 | 31 | 58 | 89 | 34 | 64 | 98 |
| רוסישע | 1 | — | 1 | 1 | 2 | 3 | 2 | 2 | 4 |
| ווייסרוסישע | 1 | — | 1 | 4 | 4 | 8 | 5 | 4 | 9 |
| דייטשע | — | 1 | 1 | — | 4 | 4 | — | 5 | 5 |
| טאַטערישע | — | 1 | 1 | — | — | — | — | 1 | 1 |
| ליטווישע | — | — | — | 1 | 1 | 2 | 1 | 1 | 2 |
| צוזאַמען | 61 | 79 | 140 | 98 | 232 | 330 | 159 | 311 | 470 |
| **C. לויט מוטערשפּראַך** | | | | | | | | | |
| פויליש | 56 | 72 | 128 | 65 | 165 | 230 | 121 | 237 | 358 |
| יידיש | 3 | 5 | 8 | 29 | 57 | 86 | 32 | 62 | 94 |
| רוסיש | 1 | 1 | 2 | 1 | 3 | 4 | 2 | 4 | 6 |
| ווייסרוסיש | 1 | — | 1 | 3 | 4 | 7 | 4 | 4 | 8 |
| דייטש | — | 1 | 1 | — | 3 | 3 | — | 4 | 4 |
| צוזאַמען | 61 | 79 | 140 | 98 | 232 | 330 | 159 | 311 | 470 |

טאַבעלע Vb

## סטאַטיסטיק פון דער סטודענטנשאַפט אויפן נאַטורוויסנשאַפטלעך־מאַטעמאַטישן פאַקולטעט אין אַקאַדעמישן יאָר 22—1921.

| | סטודענטן | | | פרייע צוהערער | | | סך־הכל | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | מענער | פרויען | צוזאַמען | מענער | פרויען | צוזאַמען | מענער | פרויען | צוזאַמען |
| **A. לויט אמונה.** | | | | | | | | | |
| רוימיש־קאַטויליש | 116 | 38 | 154 | 44 | 18 | 62 | 160 | 56 | 216 |
| משה גלויבן | 22 | 30 | 52 | 18 | 17 | 35 | 40 | 47 | 87 |
| פראַוואָסלאַוונע | 8 | — | 8 | 3 | 2 | 5 | 11 | 2 | 13 |
| אָן אמונה | 5 | 1 | 6 | 2 | — | 2 | 7 | 1 | 8 |
| עוואַנגעליש | 2 | — | 2 | 1 | 2 | 3 | 3 | 2 | 5 |
| מחמדאַניש | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 |
| צוזאַמען | 154 | 69 | 223 | 68 | 39 | 107 | 222 | 108 | 330 |
| **B. לויט נאַציאָנאַליטעט** | | | | | | | | | |
| פוילישע | 118 | 41 | 159 | 46 | 19 | 65 | 164 | 60 | 224 |
| יידישע | 23 | 28 | 51 | 20 | 17 | 37 | 43 | 45 | 88 |
| רוסישע | 5 | — | 5 | — | — | — | 5 | — | 5 |
| ווייסרוסישע | 4 | — | 4 | 2 | 3 | 5 | 6 | 3 | 9 |
| ליטווישע | 2 | — | 2 | — | — | — | 2 | — | 2 |
| טאַטערישע | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 |
| דייטשע | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 |
| צוזאַמען | 154 | 69 | 223 | 68 | 39 | 107 | 222 | 108 | 330 |
| **C. לויט מוטערשפּראַך** | | | | | | | | | |
| פויליש | 119 | 41 | 160 | 46 | 19 | 65 | 165 | 60 | 225 |
| יידיש | 23 | 28 | 51 | 20 | 17 | 37 | 43 | 45 | 88 |
| רוסיש | 5 | — | 5 | — | — | — | 5 | — | 5 |
| ווייסרוסיש | 4 | — | 4 | 2 | 3 | 5 | 6 | 3 | 9 |
| ליטוויש | 2 | — | 2 | — | — | — | 2 | — | 2 |
| דייטש | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 |
| צוזאַמען | 154 | 69 | 223 | 68 | 39 | 107 | 222 | 108 | 330 |

טאבעלע Vc

## סטאטיסטיק פון דער סטודענטנשאפט אויפן מעדיצינישן פאקולטעט אין אקאדעמישן יאר 22—1921.

| | סטודענטן | | | פרייע צוהערער | | | סך-הכל | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | מענער | פרויען | צוזאמען | מענער | פרויען | צוזאמען | מענער | פרויען | צוזאמען |
| **A. לויט אמונה.** | | | | | | | | | |
| רוימיש-קאטויליש — — | 125 | 86 | 211 | 41 | 5 | 46 | 166 | 91 | 257 |
| פראוואסלאווגע — — | 16 | 7 | 23 | — | — | — | 16 | 7 | 23 |
| עוואנגעליש — — — | 2 | 1 | 3 | 1 | — | 1 | 3 | 1 | 4 |
| קאראאימיש — — — | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 |
| משהס גלויבן — — | **61** | **20** | **81** | **25** | **7** | **32** | **86** | **27** | **113** |
| צוזאמען— — — | **205** | **114** | **319** | **67** | **12** | **79** | **272** | **126** | **398** |
| **B. לויט נאציאנאליטעט** | | | | | | | | | |
| פוילישע — — — — | 160 | 93 | 253 | 40 | 5 | 45 | 200 | 98 | 298 |
| ווייסרוסישע — — — | 16 | 3 | 19 | 1 | — | 1 | 17 | 3 | 20 |
| רוסישע — — — — | 2 | 2 | 4 | — | — | — | 2 | 2 | 4 |
| יידישע — — — — | **26** | **16** | **42** | **25** | **7** | **32** | **51** | **23** | **74** |
| קאראאימישע — — — | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 |
| ליטווישע — — — — | — | — | — | 1 | — | 1 | 1 | — | 1 |
| צוזאמען— — — | **205** | **114** | **319** | **67** | **12** | **79** | **272** | **126** | **398** |
| **C. לויט מוטערשפראך** | | | | | | | | | |
| פויליש — — — — | 159 | 92 | 251 | 41 | 5 | 46 | 200 | 97 | 297 |
| רוסיש — — — — | 6 | 3 | 9 | — | — | — | 6 | 3 | 9 |
| ווייסרוסיש — — — | 14 | 2 | 16 | — | — | — | 14 | 2 | 16 |
| יידיש — — — — | **26** | **17** | **43** | **25** | **7** | **32** | **51** | **24** | **75** |
| ליטוויש — — — — | — | — | — | 1 | — | 1 | 1 | — | 1 |
| צוזאמען— — — | **205** | **114** | **319** | **67** | **12** | **79** | **272** | **126** | **398** |

טאבעלע Vd

## סטאטיסטיק פון דער סטודענטנשאפט אויפן יורידישן פאקולטעט אין אקאדעמישן יאר 22—1921.

| | סטודענטן | | | פרייע צוהערער | | | סך-הכל | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | מענער | פרויען | צוזאמען | מענער | פרויען | צוזאמען | מענער | פרויען | צוזאמען |
| **A. לויט אמונה.** | | | | | | | | | |
| רוימיש-קאטויליש — — | 258 | 44 | 302 | 50 | 3 | 53 | 308 | 47 | 355 |
| פראוואסלאווגע — — | 7 | 2 | 9 | 1 | — | 1 | 8 | 2 | 10 |
| עוואנגעליש — — — | 2 | 3 | 5 | — | — | — | 2 | 3 | 5 |
| קאראאימיש — — — | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 |
| משהס גלויבן — — | **33** | **7** | **40** | **6** | **1** | **7** | **39** | **8** | **47** |
| מחמדאניש — — — | 6 | 1 | 7 | — | — | — | 6 | 1 | 7 |
| אן אמונה— — — — | 3 | 1 | 4 | — | — | — | 3 | 1 | 4 |
| צוזאמען— — — | **310** | **58** | **368** | **57** | **4** | **61** | **367** | **62** | **429** |
| **B. לויט נאציאנאליטעט** | | | | | | | | | |
| פוילישע — — — — | 279 | 50 | 329 | 53 | 4 | 57 | 332 | 54 | 396 |
| ווייסרוסישע — — — | 4 | — | 4 | 1 | — | 1 | 5 | — | 5 |
| רוסישע — — — — | 1 | 1 | 2 | — | — | — | 1 | 1 | 2 |
| יידישע — — — — | **21** | **6** | **27** | **3** | — | **3** | **24** | **6** | **30** |
| טאטערישע — — — | 5 | 1 | 6 | — | — | — | 5 | 1 | 6 |
| צוזאמען— — — | **310** | **58** | **368** | **57** | **4** | **61** | **367** | **62** | **429** |
| **C. לויט מוטערשפראך** | | | | | | | | | |
| פויליש — — — — | 279 | 50 | 129 | 53 | 4 | 57 | 332 | 54 | 386 |
| רוסיש — — — — | 1 | 1 | 2 | — | — | — | 1 | 1 | 2 |
| ווייסרוסיש — — — | 4 | — | 4 | 1 | — | 1 | 5 | — | 5 |
| יידיש — — — — | **21** | **6** | **27** | **3** | — | **3** | **24** | **6** | **30** |
| טאטעריש— — — — | 5 | 1 | 6 | — | — | — | 5 | 1 | 6 |
| צוזאמען— — — | **310** | **58** | **368** | **57** | **4** | **61** | **367** | **62** | **429** |

טאַבעלע Ve

**סטאַטיסטיק פון דער סטודענטנשאַפט אויפן קונסט-פאַקולטעט אין אַקאַדעמישן יאָר 22—1921.**

| | סטודענטן | | | פרייע צוהערער | | | סך־הכל | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | מענער | פרויען | צוזאַמען | מענער | פרויען | צוזאַמען | מענער | פרויען | צוזאַמען |
| **A. לויט אמונה.** | | | | | | | | | |
| רוימיש-קאַטויליש — — — | 13 | 16 | 29 | 21 | 14 | 35 | 34 | 30 | 64 |
| משה גלויבן — — — | 3 | — | 3 | 1 | 3 | 4 | 4 | 3 | 7 |
| לוטעראַניש — — — — | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 |
| סטאַראָבריאַדצעס — — — | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 |
| פּראַוואָסלאַוונע — — — — | — | — | — | 4 | 2 | 6 | 4 | 2 | 6 |
| צואַנגעליש — — — — | 2 | — | 2 | — | — | — | 2 | ~ | 2 |
| צוזאַמען — — — | 20 | 16 | 36 | 26 | 19 | 45 | 46 | 35 | 81 |
| **B. לויט נאַציאָנאַליטעט.** | | | | | | | | | |
| פוילישע — — — — — | 13 | 16 | 29 | 22 | 14 | 36 | 35 | 30 | 65 |
| יידישע — — — — | 3 | — | 3 | 1 | 3 | 4 | 4 | 3 | 7 |
| דייטשע — — — — — | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 |
| ליטווישע — — — — — | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 |
| ווייסרוסישע — — — — | 1 | — | 1 | 3 | 1 | 4 | 4 | 1 | 5 |
| רוסישע — — — — — | 1 | — | 1 | — | 1 | 1 | 1 | 1 | 2 |
| צוזאַמען — — — | 20 | 16 | 36 | 26 | 19 | 45 | 46 | 35 | 81 |
| **C. לויט מוטערשפּראַך.** | | | | | | | | | |
| פויליש — — — — — — | 15 | 16 | 31 | 23 | 14 | 37 | 38 | 30 | 68 |
| יידיש — — — — — | 3 | — | 3 | 1 | 3 | 4 | 4 | 3 | 7 |
| ליטוויש — — — — — | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 |
| רוסיש — — — — — — | 1 | — | 1 | 2 | 2 | 4 | 3 | 2 | 5 |
| צוזאַמען — — — | 20 | 16 | 36 | 26 | 19 | 45 | 46 | 35 | 81 |

טאַבעלע VI.

**סטאַטיסטיק פון די יידישע ווירקלעכע סטודענטן אין ווילנער אוניווערסיטעט אין יאָר 22—1921**

**און זייער דיפערענצירונג לויט פאַקולטעט, געשלעכט, אמונה, נאַציאָנאַליטעט און מוטערשפּראַך.**

| פאַקולטעט | 1 אַלגעמיינע צאָל ווירקלעכע סטודענטן | | | 2 צאָל יידישע סטודענטן לויט אמונה | | | | 3 צאָל יידישע סטודענטן לויט נאַציאָנאַליטעט | | | | 4 צאָל יידישע סטודענטן לויט יידיש. מוטערשפּראַך | | | | וויפיל % פון די יידישע ווירקל. סטוד. (לויט אמונה) גיט אָן די פוילישע נאַציאָנ. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | מענער | פרויען | צוזאַמ. | מענער | פרויען | צוזאַמ. | % פון דער אלג. צאָל אויפן פאַקול. | מענער | פרויען | צוזאַמ. | % פון דער אלג. צאָל אויפן פאַקול. | מענער | פרויען | צוזאַמ. | % פון דער אלג. צאָל אויפן פאַקול. | |
| טעאָלאָגיע — — — — — | 10 | — | 10 | — | — | — | — | — | — | — | -- | — | — | — | — | — |
| הומאַניסטישער — — | 61 | 79 | 140 | 7 | 11 | 18 | 12 86 | 3 | 6 | 9 | 6,43 | 3 | 5 | 8 | 5,71 | 5, 0 |
| יורידישער — — — | 310 | 58 | 363 | 33 | 7 | 40 | 10,87 | 21 | 6 | 27 | 7,34 | 21 | 6 | 27 | 7,34 | 32, 5 |
| מעדיצינישער (מיט פאַרמאַצעווטיק) — — | 205 | 114 | 319 | 61 | 20 | 81 | 25, 7 | 26 | 16 | 42 | 13,16 | 26 | 17 | 43 | 13,78 | 48,39 |
| נאַטורוויסנש. מאַטעמ. — | 154 | 69 | 223 | 22 | 30 | 52 | 23,32 | 23 | 28 | 51 | 22,87 | 23 | 28 | 51 | 22,87 | 1,92 |
| פאַר שיינע קונסט— — | 20 | 16 | 36 | 3 | — | 3 | 8,33 | 3 | — | 3 | 8,33 | 3 | — | 3 | 0,33 | , 0 |
| צוזאַמען— — | 760 | 336 | 1096 | 126 | 68 | 194 | 17, 8 | 76 | 56 | 132 | 11,95 | 76 | 56 | 132 | 11,95 | 31,95 |

טאַבעלע VII.

## סטאַטיסטיק פון די יידישע פרייע צוהערער אין ווילנער אוניווערסיטעט אין יאָר 1921—22 און זייער דיפערענצירונג לויט פאַקולטעט, געשלעכט, אמונה, נאַציאָנאַליטעט און מוטערשפּראַך.

| פאַקולטעט | 1 אַלגעמיינע צאָל פרייע צוהערער | | | 2 צאָל יידישע פרייע צוהערער לויט אמונה | | | | 3 צאָל יידישע פרייע צוהערער לויט נאַציאָנאַליטעט | | | | 4 צאָל יידישע פרייע צוהערער לויט יידיש. מוטערשפּראַך | | | | וויפיל % פון די יידישע פרייע צוהער. (לויט אמונה) גיט אָן די פוילישע נאַציאָנ. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | מענער | פרויען | צוזאַמ. | מענער | פרויען | צוזאַמ. | % פון דער אַלג. צאָל אויפן פאַקול. | מענער | פרויען | צוזאַמ. | % פון דער אַלג. צאָל אויפן פאַקול. | מענער | פרויען | צוזאַמ. | % פון דער אַלג. צאָל אויפן פאַקול. | |
| טעאָלאָגיע — — — — | 17 | — | 17 | — | — | — | — | — | — | — | -- | — | — | — | — | — |
| הומאַניסטישער — — | 98 | 232 | 330 | 34 | 64 | 98 | 23,70 | 31 | 58 | 89 | 26,97 | 29 | 57 | 86 | 26,06 | 9,18 |
| יורידישער — — — | 57 | 4 | 61 | 6 | 1 | 7 | 11,47 | 3 | — | 3 | 4,92 | 3 | — | 3 | 4,92 | 57,14 |
| מעדיצינישער (מיט פאַר-מאַצעווטיק) — — | 67 | 12 | 79 | 25 | 7 | 32 | 40,50 | 25 | 7 | 32 | 40,50 | 25 | 7 | 32 | 40,50 | 0 |
| נאַטורוויסנש. מאַטעמ. — | 68 | 39 | 107 | 18 | 17 | 35 | 32,71 | 20 | 17 | 37 | 34,58 | 20 | 17 | 37 | 34,58 | (5,4)—*) |
| פאַר שיינע קונסט — — | 26 | 19 | 45 | 1 | 3 | 4 | 8.66 | 1 | 3 | 4 | 8,66 | 1 | 3 | 4 | 8,66 | 0 |
| **צוזאַמען** — — | 333 | 306 | 639 | 84 | 92 | 176 | 27,56 | 80 | 85 | 165 | 25,82 | 78 | 84 | 162 | 25,35 | 6,66 |

*) אויפן נאַטורוויסנשאַפטל. פאַקולטעט שטייגט די צאָל סטודענטן פון יידישער נאַציאָנאַליטעט איבער די צאָל סטודענטן פון יידישער אמונה מיט 2. איך האָב צוליב דעם באַרעכנט דעם עודף ווי געוויינלעך און כדי צו אונטערשטרייכן, אַז די פּראָצענט-צאָל ווייזט אויף אַן עודף נאַציאָנאַלע סטודענטן, האָב איך פאַר דער צאָל אין קלאַמערן געשטעלט אַ מינוס, וועלכער ווייזט אויף דער אַנדערשקייט פון דער צאָל.

די טאַבעלן נעמען אַרום די צייט זינט דער עפענונג פון אוניווער-סיטעט אין 1919 יאָר, ביז דעם לויפנדיקן יאָר איינשליסלעך, ד״ה פון די דריי אַקאַדעמישע יאָרן 1919—20, 1920—21, 1921—22, און זיינען צוזאַמענגעשטעלט אויפן גרונד פון די אַנקעטע-בויגנס אין אוניווערסיטעט, וועלכע יעדער סטודענט און פרייער צוהערער דאַרפן איינגעהענטיק אויספילן אין אָנהייב פון יעדן סעמעסטער.

טאַבעלע I באַציט זיך אויפן ווינטער-סעמעסטער אַקאַדעמישן יאָר 1919—20 און ווייזט אונז דעם צוזאַמענשטעל פון דער סטודענטנשאַפט אין יאַנואַר 1920, נאָכן עפענען דעם אוניווערסיטעט.

די טאַבעלע II אַנטהאַלט די סטאַטיסטיק פון דער סטודענטנשאַפט אין זומער-סעמעסטער פון זעלביקן יאָר 1919—20 און אַ גענויערע פּאַרטיילונג לויט נאַציאָנאַליטעט א. אַז. וו.

טאַבעלע III און IV זיינען פון יאָר 1920—21. טאַב. III פון מערץ 1921 יאָר (ביים סוף פון ווינטער-סעמעסטער) און טאַב. IV פון זומער-סעמעסטער (יולי 1921).

די טאַבעלן V, Va, Vb, Vc, Vd, Ve, VI און VII גיבן אונז אַ קלאָר סטאַטיסטיש בילד פון דער געשלעכטלעכער, נאַציאָנאַלער און שפּראַכלעכער צעטיילונג פון די סטודענטן און פרייע צוהערער פון אוניווערסיטעט בכלל (V) און פון די באַזונדערע פאַקולטעטן*) בפרט (Va, Vb, Vc, Vd, און Ve) אינם איצטיקן אַקאַדעמישן לערניאָר 1921—22. אויסערדעם באַלייכטן זיי די באַציאונג פון דער ווילנער יידישער סטודענטנשאַפט צו יידישער נאַציאָנאַליטעט און שפּראַך דורך פאַרגלייכן די צאָלן פון די פאַרשיידענע פאַקולטעטן (VI און VII)**).

### I. דער וואוקס פון דער צאָל סטודענטן.

דאָס ערשטע, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן ביים פאַרגלייכן די טאַבעלעס פון די דריי יאָר איז: דער שטאַרקער וואוקס פון דער אַלגעמיינער צאָל סטודענטן בכלל און פון די פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן און אמונות באַזונדערס. ביים עפענען דעם אוניווערסיטעט, למשל, איז די אַלגעמיינע צאָל סטודענטן געווען 547 (טאַב. I) און הייער דערגרייכט זי שוין 1735 (טאַב. V).

*) דער טעאָלאָגישער פאַקולטעט איז אַ רוימיש-קאַטוילישער (דער פויפּסט גרעגאָריוס XIII האָט אין אַ ספּעציעלער בולע פון 29-טן אָקטאָבער 1579 דער-לויבט צו לערנען טעאָלאָגישע לימודים אין אוניווערסיטעט). צוליב זיין אויסגע-שפּראָכענעם כאַראַקטער ווערן דאָ ניט אָנגענומען קיין סטודענטן אַפילו פון אַנדערע קריסטלעכע גלויבנס און בכלל ניט קיין פרויען. איך האָב דעריבער דעם טעאָלאָגישן פאַקולטעט דורכגעלאָזן.

**) דער איצטיקער יאָר 1921—22 איז דער ערשטער יאָר, וואָס עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די סעמעסטער-סיסטעם און איינגעפירט געוואָרן די טרי-מעסטער-סיסטעם. סטודענטן ווערן אָנגענומען נאָר אין אָנהייב פון יעדן לערניאָר. די דאָ אָנגעגעבענע צאָלן, וועלכע איך האָב באַקומען אין הויפּט-סעקרעטאַריאַט פון אוניווערסיטעט אין מערץ 1922 זיינען אַלזאָ מאַסגעבנדיק פאַרן גאַנצן אַקאַדעמישן יאָר.




**דיאַגראַמע I.**
דער וואוקס פון דער אַלגעמיינער און יידישער סטודענטנשאַפט אין די דריי אַקאַדעמישע יאָרן 1919—22.

די דיאַגראַמע I שטעלט אונז פאָר גראַפיש, ווי אַזוי עס האָט זיך פאַרגרעסערט אין משך פון די דריי יאָר די אַלגעמיינע צאָל סטודענטן (די אייבערשטע ליניע), די צאָל יידישע סטודענטן לויט אמונה (מיטעלע ליניע) און די צאָל יידישע סטודענטן לויט נאַציאָנאַליטעט (אונטערשטע ליניע)*).

*) אין דער דיאַגראַמע I ווי אויך אין די ווייטערדיקע איז אין אַכט גענומען די סטאַטיסטיק פון 1919—20 נאָר פון ערשטן ווינטער-סעמעסטער (טאַב I), ווייל די סטאַטיסטיק פון זומער-סעמעסטער (טאַב. II) איז געווען שווער צו באַ-קומען און דאָס איז מיר מעגלעך געווען ערשט אין דער לעצטער מינוט. ווי עס איז צו זעען, איז ניטאָ קיין גרויסער אונטערשייד צווישן די ביידע סעמעסטערס פון 1919—20 (די צאָל סטודענטן האָט זיך אין גאַנצן פאַרגרעסערט נאָר מיט 28 סטודענטן).

דער וואוקס פון דער צאָל סטודענטן דערקלערט זיך דורכדעם, וואָס אין אוניווערסיטעט האָבן זיך ניט גלייך געעפנט אַלע קורסן אויף די פאַרשיידענע פאַקולטעטן, נאָר יעדן האַלב-יאָר אַ ווייטערדיקער סעמעסטער. אין ווינטער סעמעסטער 1919—20 (טאַב. I) איז אָפן געווען אויף אַלע פאַקולטעטן נאָר דער 1-טער סעמעסטער, אין ווינטער-סעמעסטער 1920—21 (טאַב. III)—3 סעמעסטער, אין זומער-סעמעסטער 1920—21 (טאַב. IV)—4 סעמעסטער און אין איצטיקן יאָר זיינען געעפנט געוואָרן ווייטערדיקע טרימעסטערס אויף פאַרן דריטן לערניאָר. די אַלגעמיינע צאָל סטודענטן און אויך די ייִדישע סטודענטן וועט זיך ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען אַוטאָמאַטיש פאַרגרעסערן אין משך פון די קומענדיקע 2 יאָר, נאָך וועלכע דער אוניווערסיטעט וועט אָנהייבן אַרויסלאָזן געענדיקטע מיט וויסנשאַפטלעכע גראַדן.

## 2. סטודענטן פון ייִדישער אמונה און פון ייִדישער נאַציאָנאַליטעט.

עס איז אַן אַלגעמיינע טרויעריקע ערשיינונג אין אַלע פּוילישע אוניווערסיטעטן, אַז דער גרעסטער טייל פון די ייִדישע סטודענטן גיבן אָן די פּוילישע נאַציאָנאַליטעט. ס'איז שווער צו זאָגן, וואָס איז די אייגנטלעכע סיבה פון דער ערשיינונג: פאַרפרעמדטקייט און אינדיפערענטיזם אַלס רעזולטאַט פון דער ערציאונג אין די פּוילישע שולן, אָדער די מורא פאַר שוועריקייטן ביים אָנקומען אין אוניווערסיטעט, אָפּגעבן עקזאַמענס א. אַז. וו. גיכער דאַרף מען די סיבה זוכן אין ביידע... אַ פאַקט איז, אַז די צאָל פון די ייִדישע סטודענטן, וועלכע גיבן אָן די פּוילישע נאַציאָנאַליטעט איז באַדייטנד גרעסער אויף די פאַקולטעטן, אויף וועלכע עס איז שווערער אָנצוקומען, ווי מעדיצינישער און יורידישער... דאָס זעען מיר דעם היינטיקן יאָר אויך אין ווילנע.

אין אַלגעמיין אָבער, איז ווילנער אוניווערסיטעט אין דער באַציאונג אַ דערפרייענדיקע אויסנאַם: אין משך פון די דריי יאָר האָט זיך די פּראָצענט-צאָל פון די „פּאָליאַקן פון משהס גלויבן" שטאַרק פאַרקלענערט און נאָריקן זומער האָט זי זיך שוין געהאַט פאַרקלענערט ביז 16,66% פון דער אַלגעמיינער צאָל ייִדישע סטודענטן, ד"ה אַ העלפט פון דער % צאָל „פּאָליאַקן פון משהס גלויבן" ביים עפענען דעם אוניווערסיטעט (33,75%).

מיר קאָנען זיך אין דעם איבערצייגן פון פאָלגנדער פאַרגלייך-טאַבעלע:

| | 1919—20 | | 1920—21 | | 1921 — 22 |
|---|---|---|---|---|---|
| | ווינטער-סעמעסטער | זומער-סעמעסטער | ווינטער-סעמעסטער | זומער-סעמעסטער | |
| אַלגעמיינע צאָל סטודענטן — — — — — — — — — — — | 547 | 565 | 788 | 928 | 1735 |
| צאָל פון ייִדישע סטודענטן לויט אמונה — — — — — — — | 80 | 99 | 131 | 156 | 370 |
| צאָל פון ייִדישע סטודענטן לויט נאַציאָנאַליטעט — — — — | 53 | 72 | 103 | 130 | 297 |
| % פאַרהעלטעניש פון דער צאָל סטודענטן פון ייִדישער אמונה צו דער אַלגעמיינער צאָל סטודענטן — — — — | 14,62 % | 17,52 % | 16,63 % | 16,81 % | 21,32 % |
| % פאַרהעלטעניש פון דער צאָל סטודענטן פון ייִדיש. נאַציאָנאַליטעט צו דער אַלגעמיינער צאָל סטודענטן — — | 9,68 % | 12,74 % | 13,71 % | 14,00 % | 17,11 % |
| % פון די ייִדישע סטודענטן, וועלכע האָבן אָנערקענט די פּוילישע נאַציאָנאַליטעט — — — — — — — — | 33,75 % | 27,27 % | 21,37 % | 16,66 % | 19,73 % |

ווי מען זעט, האָט זיך אין היינטיקן יאָר דער פּראָצענט פון די „פּאָליאַקן פון משהס גלויבן" פאַרגרעסערט.

איך האָב שוין געהאַט די מעגלעכקייט אין אָנהייב פון דעם אַרטיקל אָנצוווייזן אויף די ספּעציפישע סיבות, וואָס האָבן גורם געווען אַזאַ גרויסן פּראָצענט „פּאָליאַקן פון משהס גלויבן" בשעת דער עפענונג פון אוניווערסיטעט*).

די הייעריקע פאַרגרעסערונג פון זייער צאָל פאַלט אָבער צו לאַסט נאָר אויפן ערשטן קורס פון מעדיצינישן פאַקולטעט, אויף וועלכן עס איז געווען זייער שווער אָנצוקומען... אַלס מעדיקער איז מיר שווער דאָס צו זאָגן pro domo sua, איך מוז אָבער פעסטשטעלן, אַז אויפן ערשטן קורס מעדיצין פון הייער האָבן אַרום 90% פון די 45 אָנגעקומענע ייִדישע סטודענטן אָנגעגעבן די פּוילישע נאַציאָנאַליטעט. און איבער דעם טאַקע, אויב מיר זאָלן אַרויסלאָזן דעם מעדיצינישן פאַקולטעט פון אונזערע אויסרעכענונגען, און באַרעכענען די %-פאַרהעלטעניש פון די „פּאָליאַקן פון משהס גלויבן" צו דער אַלגעמיינער צאָל ייִדישע סטודענטן נאָר אויף 4 פאַקולטעטן, וועט דער אַקאַדעמישער יאָר 1921—22 אויך אויפווייזן אַ ווייטערדיקע פאַרקלענערונג פון דעם פּראָצענט ייִדן פון פּוילישער נאַציאָנאַליטעט, וועלכע מאַכן אויס נאָר 13,22% פון דער אַלגעמיינער צאָל ייִדישע סטודענטן אויף די 4 פאַקולטעטן*).



דיאַגראַמע 2.
די פאַרקלענערונג פון פּראָצענט ייִדישע סטודענטן פון פּוילישער נאַציאָנאַליטעט אין פאַרגלייך מיט דער אַלגעמיינער צאָל ייִדישע סטודענטן אין די דריי אַקאַד. יאָרן 1919—22.

די דיאַגראַמע 2 אילוסטרירט די אויספירונגען און ווייזט אָן דעם טעמפּ, אין וועלכן די פאַרקלענערונג פון דער פּראָצענט-פאַרהעלטעניש איז פאָרגעקומען אין די דריי יאָר. דער לעצטער זייל פון רעכטס (אַנדערש געצייכנט) ווייזט די %-פאַרהעלטעניש, ניט רעכענענדיק דעם מעדיצינישן פאַקולטעט.

אין לעצטן יאָר ווייזט אויך אַ גרויסן % ייִדן פון פּוילישער נאַציאָנאַליטעט דער יורידישער פאַקולטעט (טאַבעלע VI און VII), וואָס עס באַשטעטיקט דאָס אויבן געשריבענע, אַז די גרייס פון דער צאָל ייִדישע סטודענטן, וואָס גיבן אָן די פּוילישע נאַציאָנאַליטעט איז פּראָפּאָרציאָנעל צו די שוועריקייטן, וואָס ווערן געמאַכט ביים אָנקומען אויף דעם פאַקולטעט.

דערקעגן איז פולשטענדיק ריין פון דעם מין סטודענטן דער פאַקולטעט פאַר שיינער קונסט, סיי צווישן די ווירקלעכע סטודענטן, סיי צווישן די פרייע צוהערער (טאַבעלע VI און VII)**).

---

*) איך וויל דאָ ברענגען אַ כאַראַקטעריסטישן פאַל, אויף וועלכן איך האָב זיך אָנגעשטויסן זאַמלענדיק מאַטעריאַל פאַר דעם אַרטיקל: אַ סטודענט—אַ דייטש האָט אָנקומענדיק אין אוניווערסיטעט אויפן ווינטער-סעמעסטער 1920—21 אָנגעגעבן די עוואַנגעלישע רעליגיע און פּוילישע נאַציאָנאַליטעט, אויפן זומער-סעמעסטער פון זעלביקן יאָר האָט ער שוין אין דער רובריק פון נאַציאָנאַליטעט גאָרניט איינגעשריבן און ערשט אין אָנהייב פון הייעריקן יאָר האָט ער געוואַגט אָנצוגעבן די דייטשע נאַציאָנאַליטעט...

*) אין פאַרגאַנגענעם זומער-סעמעסטער 1920—21 האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז פון דער אַלגעמיינער צאָל 38 ייִדישע סטודענטן (לויט אמונה) פון מעדיצינישן פאַקולטעט (איינשל. פאַרמאַציע) האָבן 11 אָנגעגעבן די פּוילישע נאַציאָנאַליטעט, ד"ה 28,9%.

**) ס'איז כדאי אָנצוווייזן, אַז דער קונסט-פאַקולטעט איז דער איינציקער פאַקולטעט פון ווילנער אוניווערסיטעט בפרט, און פון אַלע

זייער גוט שטייט אויך דער נאַטורוויסנשאַפטלעכער פאַקולטעט, וועלכער ווייזט אפילו אויף אַן עודף (!) פון יידישער נאַציאָנאַליטעט איבער יידישער רעליגיע, וואָרים אייניקע יידן האָבן זיך אָנגעגעבן אלס קאָנפעסיאָנסלאָזע, אָבער פון יידישער נאַציאָנאַליטעט (1 ווירקלעכער סטודענט—טאַבעלע VI און 2 פריִיע צוהערער—טאַבעלע VII)*).

## 3. יידיש אַלס מוטערשפּראַך פון די יידישע סטודענטן.

דאָס, וואָס איך האָב אויבן געשריבן וועגן דער גלייכגילטיקייט צום אָנגעבן די יידישע נאַציאָנאַליטעט אין די אוניווערסיטעטס-אַנקעטעס, וועלכע מען טרעפט איבעראַל, לאָזט זיך נאָך אין אַ שטאַרקערער מאָס זאָגן וועגן אָנגעבן יידיש אַלס מוטערשפּראַך. עס איז גענוג אָנצווייזן אויף דעם פאַקט, אַז אין פּויזנער אוניווערסיטעט האָט אין יאָר 1921 אויף דער אַלגעמיינער צאָל 67 יידישע סטודענטן קיין איינער ניט אָנגעגעבן יידיש אַלס מוטערשפּראַך, אַזוי, אַז אין דער שפּראַכן-סטאַטיסטיק פון די סטודענטן,—וועלכע ציילט 10 שפּראַכן, דערונטער אויך גריכיש (1) און ליטוויש (1) און זאָגאַר אַזעלכע „שפּראַכן" ווי מאַזוריש (1) און קאַשוביש (1)—פיגורירט לגמרי ניט די יידישע שפּראַך**).

ווילנער אוניווערסיטעט איז אין דער באַציאונג צו יידיש כמעט אַ וואונדער-ערשיינונג. מיט ווייניקע צופעליקע אויסנאַמען גיבן אָן יידיש אַלס זייער מוטערשפּראַך אַלע סטודענטן פון יידישער נאַציאָנאַליטעט***) (295) אַזוי, אַז יידיש איז די צווייטע שפּראַך פון דער סטודענטנשאַפט אין ווילנער אוניווערסיטעט, וועלכע עס האָבן אָנגעגעבן 14% פון דער אַלגעמיינער צאָל סטודענטן.

די דיאַגראַמע 3 שטעלט אונז בולט פאָר די שטעלונג, וואָס יידיש פאַרנעמט אין אוניווערסיטעט אין אַקאַד. יאָר 1921—22. אונטער יעדן זייל געפינט זיך די צאָל סטודענטן, וועלכע האָבן אָנגעגעבן די שפּראַך און זייער %-פאַרהעלטנישע צו דער אַלגעמיינער צאָל סטודענטן****).

---

פּוילישע אוניווערסיטעטן בכלל, וואָס אין משך פון די דריי יאָר זייט דער ערעפענונג פון אוניווערסיטעט האָבן דאָ אַלע יידישע סטודענטן אָנגעגעבן די יידישע נאַציאָנאַליטעט.

וואָס פאַר אַ קאָנטראַסט בילדעט דער ווילנער קונסט-פאַקולטעט אין פאַרגלייך מיט דער קראָקעווער קונסט-אַקאַדעמיע, וועלכע ציילט היִיער, לויטן באַריכט, וועלכער איז געוואָרן אָפּגעגעבן אויפן ווילנער צוזאַמענפאָר פון די סטודענטן פון די פּוילישע קונסט-הויכשולן, 151 סטודענטן, פון זיי 13 „פון משה׳ס גלויבן" און קיין איינער ניט פון יידישער נאַציאָנאַליטעט!

*) די אַלגעמיינע צאָל יידישע סטודענטן, וועלכע איז אויבן געוואָרן אָנגעגעבן פאַר דעם יאָר אויף 370—רעכענענדיק לויט אמונה—איז אַלזאָ אין דער ווירקלעכקייט עטוואָס גרעסער, צוליב די אייניקע קאָנפעסיאָנסלאָזע יידן. אין דער סטאַטיסטיק פון נאַטורוויסנשאַפטלעכן פאַקולטעט איז געווען לייכט פעסטצושטעלן, לכל-הפּחות 3, צוליב דעם עודף פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט איבער דער אמונה. אוממעגלעך איז אָבער פעסטצושטעלן די צאָל פון די קאָנפעסיאָנסלאָזע יידישע סטודענטן אין דער סטאַטיסטיק פון די פאַקולטעטן, אויף וועלכע די צאָל פון יידישער נאַציאָנאַליטעט דערגרייכט ניט צו דער צאָל פון דער אמונה, ווי למשל דער יורידישער פאַקולטעט, וועלכער האָט זיכער אייניקע קאָנפעסיאָנסלאָזע יידן. פאַריקן ווינטער האָט זאָגאַר פּאַסירט פאָלגנדער פאַל: נאָכן טראַגישן טויט פון אויבנדערמאָנטן מיכאל פרענקעל, סטודענט פון יורידישן פאַקולטעט, האָבן זיינע נאָענטע פּראָגרעסיווע פּוילישע קאָלעגן אים געוואָלט מקבר זיין אויפן קריסטלעכן בית-הקברות, ווייל ער האָט פיגורירט אין די אוניווערסיטעטס-פּאַפּירן אַלס קאָנפעסיאָנסלאָזער פון פּוילישער נאַציאָנאַליטעט. ערשט אַדאַנק דער אינטערווענץ פון ח׳ פוקס, וועלכער קען זיינע עלטערן פון לאָדז, האָט מען דאָס ניט געטאָן און דער אַרויסגערופענער פאָטער האָט דעם קערפּער אַוועקגעפירט אין לאָדז.

**) „Brzask" № 4, Lipiec 1921. Statystyka Sluchaczy Uniw. Pozn. w dniu 1-go Lipca 1921 r. Tablica II.

***) אין איין פאַל האָט אַ סטודענטקע פון מעדיצינישן פאַקולטעט, וואָס האָט ניט אָנגעגעבן די יידישע נאַציאָנאַליטעט, דאָך אָנגעגעבן יידיש אַלס מוטערשפּראַך (טאַב. 5).

****) אינטערעסאַנט איז אָנצומערקן די קאַראַאימען, וועלכע באַווייזן זיך דעם יאָר צום ערשטן מאָל אין דער אוניווערסיטעטס-סטאַטיסטיק (טאַב. V). פון די 2 סטודענטן, וועלכע האָבן אָנגעגעבן די „קאַראַאימישע אמונה" האָט נאָר 1 אָנגעגעבן די קאַראַאימישע נאַציאָנאַליטעט. באַזונדערס איז מיר דאָ באַקאַנט 1 קאַראַאימישער סטודענט, אַ מעדיקער, וועלכער איז שוין אין אוניווערסיטעט פון זיין עפענונג אָן און האָט, ווי עס זעט אויס, זאָגאַר די קאַראַאימישע אמונה ניט אָנגעגעבן.

סימפּטאָמאַטיש איז, וואָס קיין איינער פון זיי האָט ניט אָנגעגעבן די קאַ-





די פאָדערונג פון דער ווילנער יידישער געזעלשאַפט צו שאַפן אין אוניווערסיטעט אַ קאַטעדרע פאַר יידישער ליטעראַטור און וויסנשאַפט ווערט אַלזאָ ממשותדיק אונטערשטיצט דורך דער סטאַטיסטיק, וואָס עס שטעלט צו די ווילנער יידישע סטודענטנשאַפט*).




דיאַגראַמע 3.
יידיש צווישן די מוטערשפּראַכן פון דער סטודענטנשאַפט אין ווילנער אוניווערסיטעט אין אַקאַדעמישן יאָר 1921—22.

---

ראַאימישע מוטערשפּראַך, טראָץ דעם, וואָס ניט-לאַנג צוריק האָבן מיר פאָרשטייער פון דער אָרטיקער קאַראַאימישער קאָלאָניע, אינטעליגענטן, קאַטעגאָריש פאַרזיכערט, אַז די טיורישע שפּראַך (אַ טאָטערישער דיאַלעקט) איז די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון די קאַראַאימען („ביי די ווילנער קאַראַאימען" אין „לאָדזער טאַגעבלאַט" №93, 1922).

*) נאָך דער ערעפענונג פון אוניווערסיטעט האָט דער דאַמאָלסטיקער רעקטאָר סעדלעצקי אין אַ אינטערוויו פאַרן ווילנער „טאָג" גערעדט וועגן שאַפן אַ קאַטעדרע פאַר יודאַאיקאַ. שפּעטער האָט ער ערקלערט, אַז עס איז שווער צו געפינען אַ פּאַסיקן קאַנדידאַט אויף אַ פּראָפעסאָר. פאַרגאַנגענעם ווינטער האָט דער רעקטאָר סטאַניעוויטש אין אַ געשפּרעך מיט אַ מיטאַרבעטער פון „היינט" און „אונזער טאָג" ערקלערט, אַז ער איז אין פּרינציפּ מסכים צו שאַפן אַ קאַטעדרע פאַר דער יידישער ליטעראַטור, די יעצטיקע באַדינגונגען זיינען אָבער זייער שווערע און צוליב דעם זיינען זאָגאַר ניט ווי געהעריק באַזעצט אין אוניווערסיטעט די קאַטעדרעס פאַר פּאָלאָניסטיקע.

אגב איז כאַראַקטעריסטיש, אַז אין פאַרגאַנגענעם אַקאַדעמישן לערניאָר 1920—21 איז אין אוניווערסיטעט געווען אַ לעקטאָראַט פאַר דער ווייסרוסישער שפּראַך פון פּראָפעסאָר מאַסאָניוס, אויבוואויל די ווייסרוסישע שפּראַך פאַרנעמט אין דער אוניווערסיטעטס-סטאַטיסטיק דעם דריטן אָרט (נאָך דער יידישער שפּראַך). דער לעקטאָראַט איז אין הייעריקן יאָר אָפּגעשאַפט געוואָרן צוליב דעם, וואָס די ווייסרוסישע סטודענטן האָבן אויפגעהערט צו באַזוכן די לעקציעס.

## 4. די פאַרטיילונג פון דער יידישער סטודענטנשאַפט אויף די פאַקולטעטן אין אַקאַד. יאָר 22—1921.

די פראַגע, וואָס שטודירט די יידישע סטודענטנשאַפט, איז זייער אַ אינטעסאַנטע. בנוגע ווילנע גיט דערויף אַ תשובה טאַב. VI פאַר סטודענטן און טאַב. VII פאַר פרייע צוהערער, אַנטשפּרעכנדיק אויף די דיאַגראַמען 4 און 5. כדי זיך צו שאַפן אַ קלאָר בילד, וועלן מיר רעכענען די אַלגעמיינע צאָל יידן (לויט אמונה).

א. ווירקלעכע סטודענטן. אויפן ערשטן פּלאַץ שטייט דאָ דער מעדיצינישער פאַקולטעט (מיט אַ פאַרמאַצעווטישער אָפּטיילונג) מיט 81 יידישע סטודענטן, ד״ה 41,75% פון דער אַלגעמיינער צאָל 194 יידישע ווירקלעכע סטודענטן. די יידישע מעדיקער מיט די פאַרמאַצעווטן מאַכן אויס 25,7% אויפן פאַקולטעט*).

דער צווייטער פאַקולטעט איז דער נאַטורוויסנשאַפטלעכער מיט 52 ווירקלעכע סטוד. דאַן גייט דער יורידישער (40), הומאַניסטישער (18) און קונסט (3)

אין אַנדערע פּוילישע אוניווערסיטעטן איז זייער גרויס די צאָל יידישע יוריסטן אויך איז גרעסער די צאָל יידישע הומאַניסטן. אין ווילנע איז אָבער אויף די דאָזיקע פאַקולטעטן די צאָל יידישע סטודענטן פּראָפּאָרציאָנעל באַדייטנד קלענער, ווייל פאַר די פאַקולטעטן איז נייטיק אַ ברייטערע קענטעניש פון דער פּוילישער שפּראַך.

ב. פרייע צוהערער. אין דער צייט, ווען די יידישע ווירקלעכע סטודענטן ווייזן אין ווילנע אַרויס אַזאַ קנאַפּן אינטערעס צום הומאַניסטישן פאַקולטעט (ער פאַרנעמט דעם 4־טן אָרט), געפינט זיך, דערקעגן, דער גרעסטער טייל יידישע פרייע צוהערער דווקא אויף דעם דאָזיקן פאַקולטעט: 98 אויף 176, ד״ה 55,7% פון דער אַלגעמיינער צאָל יידישע פרייע צוהערער.

די סיבה איז פּשוט די, וואָס פאַר פרייע צוהערער, וועלכע געניסן ניט פון קיין רעכט אין אוניווערסיטעט, איז דער ניט־באַרופלעכער הומאַניסטישער פאַקולטעט דער צוטריטלעכסטער. דעם צווייטן אָרט פאַרנעמט ווייטער דער נאַטורוויסנשאַפטלעכער פאַקולטעט (37), דאַן מעדיצינישער (32)**), יורי, (7) און קונסט (4).

איך וויל דאָ פאַרגלייכן די פאַרטיילונג פון די יידישע סטודענטן לויט די פאַקולטעטן אין ווילנע מיט דער אַנאַלאָגישער פאַרטיילונג אין לעמבערגער און פּויזנער אוניווערסיטעטן, פון וועלכע דער ערשטער ווערט דורך די אַנטיסעמיטן באַטראַכט אַלס „פאַריידישטער“ און דער צווייטער — אַלס „דערפרייענדיקע ערשיינונג“.

אין לעמבערגער אוניווערסיטעט זיינען דעם יאָר, 22—1921, געווען***)

| פאַקולטעט | פּאָליאַקן צאָל | פּאָליאַקן % | יידן צאָל | יידן % | רוטענער צאָל | רוטענער % |
|---|---|---|---|---|---|---|
| מעדיצינישער — — — | 609 | 50,4 | 571 | 47,1 | 31 | 2,5 |
| יורידישער — — — | 1231 | 56,7 | 885 | 40,7 | 57 | 2,6 |
| פילאָזאָפישער — — — | 678 | 55,1 | 528 | 43,1 | 22 | 1,8 |

אַ גאַנץ אַנדער בילד שטעלט פאָר דער פּויזנער אוניווערסיטעט, וואו די 67 יידישע סטודענטן און פרייע צוהערער פון יאָר 22—1921 זיינען פאַרטיילט אַזוי****):

| פאַקולטעט | יידישע ווירקלעכע סטודענטן: מענער | פרויען | צוזאַמען | יידישע פרייע צוהערער: מענער | פרויען | צוזאַמען | סך־הכל: מענער | פרויען | צוזאַמען | וויפיל % מאַכן יידן אויס אויפן פאַקולט. | אַלגעמיינע צאָל סטודענטן |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פילאָזאָפישער — — — | 15 | 13 | 28 | 1 | 9 | 10 | 16 | 22 | 38 | 3,6 | 1052 |
| יורידישער: רעכט — — | 13 | 4 | 17 | — | — | — | 13 | 4 | 17 | 2,6 | 1005 |
| „ עקאָנאָמיע — | 5 | 3 | 8 | — | — | — | 5 | 3 | 8 | | 579 |
| אַגראָנאָמישער — — | 1 | — | 1 | — | 1 | 1 | 1 | 1 | 2 | 0,45 | 413 |
| מעדיצינישער — — — | 1 | 1 | 2 | — | — | — | 1 | 1 | 2 | 1,7*****) | 116 |
| צוזאַמען | 35 | 21 | 56 | 1 | 10 | 11 | 36 | 31 | 67 | 2,1 | 3195 |

*) די פּראָצענט־צאָל 25,7 דאַרף בשום אופן ניט צוגעשריבן ווערן נאָר די יידישע מעדיקער. — אַ וויכטיקע ראָלע שפּילן אין דעם חשבון די יידישע פאַרמאַצעווטן, וועלכע ווערן בכלל לייכטער אָנגענומען (אין פיל פאַלן פאָדערט זיך זאָגאַר ניט קיין „מאַטורעס“). אַזוי צב״ש האָב איך אין דער ליסטע פון די אָנגענומענע אויף דער פאַרמאַצעווטישער אָפּטיילונג דעם יאָר אויף 15 ווירקלעכע סטודענטן איבערגעציילט 13 יידישע נעמען און פאַמיליעס. דאָס רעכענען צוזאַמען די ביידע אָפּטיילונגען הייבט די % צאָל פון די יידן אויף דעם מעדיצינישן פאַקולטעט.

**) די פרייע צוהערער פון מעדיצין זיינען אויסשליסלעך פון דער פאַרמאַצעווטישער אָפּטיילונג. אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט ווערן קיין פרייע צוהערער בכלל ניט אָנגענומען.

***) „Czyn“ נומ. 16, 1922.

****) „Brzask“ ibidem, tablica III.

דער אַווטאָר פון אַרטיקל, פון וועלכן איך נעם די צאָלן, אַ פּויזנער פּוילישער סטודענט, רופט אָן די צאָל 67 יידישע סטודענטן „אַדערפרייענדיקע“. זיין פרייד איז נאָך גרעסער צוליב דעם, וואָס, ווי ער האָט פעסטגעשטעלט, שטאַמען אַלע יידישע סטודענטן פון פּויזנער אוניווערסיטעט פון קאָנגרעס־פּוילן, דערקעגן פון פּויזנער קאַנט איז ניטאָ קיין איין יידישער סטודענט אין אוניווערסיטעט, וואָס עס באַווייזט ווי ווייט „ערפאָלגרייך“ עס איז דער פאַרניכטנדיקער קאַמף קעגן די יידן, וועלכער ווערט זייט יאָרן געפירט אין „פּויזנער קאַנט“.

אין 1920 איז געווען אין פּויזנער אוניווערסיטעט איין אָרטיקע יידישע סטודענטקע, די טאָכטער פון פּויזנער ראַבינער, וועלכע האָט אים אָבער פאַרלאָזן, כדי אָנצוקומען שטודירן אין דייטשלאַנד, וואָס עס טוט די גאַנצע פּויזנער יידישע שטודירנדיקע יוגנט.

*****) ווי באַקאַנט, ווערן יידן אין פּויזנער אוניווערסיטעט ניט אָנגענומען (ניט אָפיציעל) איבער 2 (!) פּראָצענט. אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט, ווי מען זעט פון דער טאַבעלע, ווערן זיי כמעט ווי אינגאַנצן ניט אָנגענומען.

אויסערדעם הערשט בכלל אין פּויזנער אוניווערסיטעט אַ אַטמאָספערע פון שנאה און פאַראַכטונג צום יידישן קאָלעגע, וועלכע שטייגן איבער יעדן באַגריף און די אומאויפהערלעכע באַליידיקונגען מאַכן אוממעגלעך דעם יידישן סטודענט צו פאַרבלייבן אין דעם גיהנם.

ה' ט. פון פּויזנער אוניווערסיטעט האָט מיר דערציילט וועגן אוּמבאַשרייבלעכע נגישות, וועלכע קומען דאָרט פאָר אויף יעדן טריט. דער יידישער סטודענט פולשטענדיק באָיקאָטירט. קיינער באַגריסט אים ניט און ענטפערט ניט אויף זיין גרוס. עס איז אים אוממעגלעך דורכצוגיין דעם אוניווערסיטעטס־קאָרידאָר צוליב די באַליידיקונגען פון שענדלעכסטער אַרט.

ח־טע ג., וועלכע האָט זיך איבערגעטראָגן פון פּויזנער אין ווילנער אוניווערסיטעט, האָט מיר אויך פיל דערציילט וועגן די דאָרטיקע שרעקלעכע באַדינגונגען. צווישן אַנדערע פאָלגנדיקער פאַקט: זי איז איינמאָל אַרויסגעגאַנגען פון דער אודיטאָריע און זיך געזעגנט מיטן געוויינלעכן אַלגעמיינעם גרוס. דערויף האָט איר אַ פאַראייניקטער כאָר פון אַלע אָנוועזנדע געענטפערט: „na zawsze!“ („אויף אייביק“).




**דיאַגראַמע 4.**

די פאַרטיילונג פון די יידישע ווירקלעכע סטודענטן אויף די פאַרשיידענע פאַקולטעטן פון ווילנער אוניווערפיטעט אין אַקאַדעמישן לערניאָר 22—1921.

ניט-איבערגעריסענע ליניע— יידישע אמונה

פונקטיר-ליניע— יידישע נאַציאָנאַליטעט

אַ אינטערעסאַנט בילד גיבן די דיאַגראַמען 4 און 5 וועגן דער פאַרטיילונג פון די יידישע סטודענטן און פרייע צוהערער לויט אמונה און נאַציאָנאַליטעט.

דיאַגראַמע 4 ווייזט די גרעסטע דערווייטערונג פון די ביידע ליניען פאַר מעדיציניש און יורידישן פאַקולטעטן, צום ווייניקסטן פאַר נאַטורוויסנשאַפט און ביידע ליניען גיסן זיך צוזאַמען ביים קונסט-פאַקולטעט.

אויף דער דיאַגראַמע 5 (פאַר פרייע צוהערער) לויפן ביידע ליניעס כמעט צוזאַמען, וואָס ווייזט אויף דער קליינער צאָל יידן פון פוילישער נאַציאָנאַליטעט צווישן זיי. ביי נאַטורוויסנשאַפט לאָזט זיך די ליניע פון אמונה זאָגאַר נידעריקער אַראָפּ ווי די פון נאַציאָנאַליטעט, אויף וואָס עס איז שוין אויבן אָנגעוויזן געוואָרן.

## 5. ווירקלעכע סטודענטן און פרייע צוהערער.

אין אנדערע פּוילישע אוניווערסיטעטן איז בכלל די צאָל פרייע צוהערער זייער אַ קליינע, ווייל אַלע גימנאַזיעס האָבן רעכט און זייערע אַביטוריענטן ווערן אָנגענומען אין אוניווערסיטעט אַלס ווירקלעכע סטודענטן.

דער כאַראַקטער אָבער פון ווילנער אוניווערסיטעט אַלס „קרעסאָווער", וואו עס קומען אָן קאַנדידאַטן מיט רוסישע (סאָוועטישע) און אַנדערע צייגנישן, וועלכע ווערן ניט גלייכבאַרעכטיקט מיט די פּוילישע „מלוכה-מאַטורעס", איז די סיבה, וואָס דאָ איז פאַרהאַן אַ גרויסע צאָל פרייע צוהערער; דערצו נאָך די אומנאָרמאַלע לאַגע פון די ווילנער פּריוואַטע גימנאַזיעס (מיט דער רוסישער שפּראַך), וואָס זייערע צייגנישן ווערן אויך ניט אָנערקענט, שפּילט אויך אַ היבשע ראָלע אין דעם פאַקט, וואָס עס איז פאַרהאַן אַזאַ גרויסע צאָל יידישע פרייע צוהערער (מערסטנטייל ווילנער און פון ווילנער קאַנט*).

בשעת די אַנטיסעמיטישע אָרטיקע פּרעסע שרייט אַזוי היסטעריש וועגן דער „פאַריידישונג פון אוניווערסיטעט" וויל זי חוץ אלעם גאָר ניט אין אַכט נעמען די לאַגע פון די יידן אין אוניווערסיטעט, וועלכע בילדן דאָרט די גרעסטע צאָל פרייע צוהערער...

כדי צו באַלייכטן די פאַרהעלטענישן אין דעם פּרט, וועלן מיר פאַרגלייכן די צאָלן פון די פּרייע צוהערער ביי פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן מיט די אַנטשפּרעכנדיקע צאָלן פון די ווירקלעכע סטודענטן.

*) דעם פאָריקן יאָר 21—1920 איז געשאַפן געוואָרן אַ אוניווערסיטעטס קאָמיסיע אָפּצונעמען צוגאָב-עקזאַמענס פון די פרייע צוהערער, וועלכע זיינען אַזוי אַנאָך געוואָרן ווירקלעכע סטודענטן.

בראש פון דער קאָמיסיע איז געשטאַנען דער פאַרשטאָרבענער פּראָפ. ל. יאַנאָווסקי. היי-יאָר איז קיין קאָמיסיע ניטאָ און די פרייע צוהערער האָבן ניט קיין שום מעגלעכקייט אין אוניווערסיטעט „זיך צו פאַרווירקלעכן".






**דיאַגראַמע 5.**

די פאַרטיילונג פון די יידישע פרייע צוהערער אויף די פאַרשיידענע פאַקולטעטן פון ווילנער אוניווערסיטעט אין אַקאַדעמישן לערניאָר 22—1921.

ניט-איבערגעריסענע ליניע— יידישע אמונה

פונקטיר-ליניע— יידישע נאַציאָנאַליטעט.

| נאַציאָנאַליטעטן | צאָל פון ווירק. סטוד. | צאָל פון פרייע צוהער. | % פאַרהעלטניש פון פרייע צוהערער צו ווירקל. סטוד. |
|---|---|---|---|
| פּאָליאַקן — — — — | 907 | 416 | 49,17 % |
| יידן לויט נאַציאָנאַל. — | 132 | 165 | !125,00 % |
| יידן לויט אמונה — — | 194 | 176 | 90,72 % |
| אַנדערע נאַציאָנאַל. — | 57 | 28 | 49,12 % |

שאַרפער ווערט די לאַגע פאָרגעשטעלט דורך דער דיאַגראַמע 6, וועלכע פאַרגלייכט די צאָל פרייע צוהערער מיט דער צאָל 100 ווירקלעכע סטודענטן פון דער זעלבער נאַציאָנאַליטעט*). דאָ זעען מיר, ווי דער שוואַרצער זייל פון די פרייע צוהערער פון יידישער נאַציאָנאַליטעט שטייגט איבער די צאָל יידישע ווירקלעכע סטודענטן און דאָס פאַרהעלטעניש איז כמעט דריי מאָל (!) גרעסער ווי ביי די פּאָליאַקן.

אויספירליכער באַהאַנדלען די דערשיינונג די טאַבעלן V, VI און VII.




**דיאַגראַמע 6**

די צאָל פרייע צוהערער (שוואַרצער זייל) אויף יעדע הונדערט ווירקלעכע סטודענטן (ווייסער זייל) ביי פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן אין אַקאַד. יאָר 22—1921.

*) אַלע דיאַגראַמען פון דעם אַרטיקל האָט געצייכנט ח-טע ע. וואָלק פון מאַטעמאַטישן פאַקולטעט.

## 6. די אָרט-אָפּשטאַמונג פון די יידישע סטודענטן.

ניט קוקנדיק דערויף, וואָס אין דער אַלגעמיינער צאָל סטודענטן ווערן איבער עלעמענטן פון ליטע און ווייס-רוסלאַנד (טאַב. I, II III IV), איז די צאָל ניט-אָרטיקע יידישע סטודענטן זייער אַ אָנזעעוודיקע (בפרט צווישן די ווירקלעכע סטודענטן). וואָרים ערשטנס איז די יידישע יוגנט בכלל באַוועג-לעכער און צווייטנס איז פאַר דער פויליש-יידישער יוגנט פיל לייכטער אָנצו-קומען אויף מאַנכע פאַקולטעטן אין ווילנער אוניווערסיטעט ווי אַנדערשוואו.

איך האָב לײדער ניט געקענט באַקומען אויספירלעכע צאָלן וועגן אָפּ-שטאַמונג דירעקט פון אוניווערסיטעט, און איך באַנוץ זיך מיטן מאַטעריאַל, וואָס איז געזאַמלט פון די אַנקעטע-בויגנס, וועלכע עס פילן אויס די סטודענטן, ביים אָנקומען אַלס מיטגלידער פון „יידישן סטודענטן-פאַראיין פאַר קעגנזייטיקער הילף". די צאָלן זיינען פון 251 אַנקעטע-בויגנס, און די אויספילער פון די דאָזיקע בויגנס שטאַמען אָט פון וועלכע ערטער:

| | | | |
|---|---|---|---|
| ווילנע — — — — | 111 | לעמבערג — — — | 1 |
| לאָדז — — — — | 35 | פּאָלאָצק — — — — | 1 |
| וואַרשע — — — — | 29 | אָסטראָוו — — — — | 1 |
| ראַדאָם — — — — | 12 | לאָוויטש — — — — | 1 |
| ביאַליסטאָק — — — | 10 | ניעסוויעזש — — — | 1 |
| לידע — — — — | 9 | לאָמזשע — — — — | 1 |
| טאַרנאָפּאָל — — — | 3 | סובאַלק — — — — | 1 |
| באַראַנאָוויטש — — | 3 | זגיערז — — — — | 1 |
| מינסק — — — — | 2 | באָברויסק — — — | 1 |
| גראָדנע — — — — | 2 | ליובאַרטאָוו — — — | 1 |
| ביעלסק — — — — | 2 | וואָלאָזשין — — — | 1 |
| ראָזשאַני — — — — | 2 | יוריעוו — — — — | 1 |
| טשענסטאָכאָוו — — | 2 | לובלין — — — — | 1 |
| פּינסק — — — — | 2 | נאָוואָראַדאָמסק — — | 1 |
| פּלאָצק — — — — | 2 | בענדין — — — — | 1 |
| קיעלץ — — — — | 1 | פּרוזשאַני — — — | 1 |
| סאָסנאָוויץ — — — | 1 | נאָוואָ-ווילייקאַ — — | 1 |
| פּעטראָקאָוו — — — | 1 | שאַוולי — — — — | 1 |
| קורעניץ — — — — | 1 | סמאַרגאָן — — — | 1 |
| סווענציאַן — — — | 1 | כתם פון קאָוונער גוב. | 1 |

ס"ה — — 251

## 7. די יידישע סטודענטן לויט די סאָציאַלע שיכטן.

פון די דערמאָנטע אַנקעטע-בויגנס פון סטודענטן-פאַראיין האָב איך אַרויס-גענומען בנוגע 153 סטודענטן (די איבעריקע האָבן די רובריק ניט אויסגעפילט) אינטערעסאַנטע צאָלן וועגן סאָציאַלן מצב פון די עלטערן, וועלכער שטעלט זיך פאָר לויט פאָלגנדער טאַבעלע:

| | | | |
|---|---|---|---|
| סוחר — — — — | 88 | בעל-מלאכה — — — | 2 |
| אָנגעשטעלטער — — | 12 | ערד-באַזיצער — — — | 2 |
| פאַבריקאַנט — — — | 10 | אינוואַליד — — — | 1 |
| הויזבאַזיצער — — — | 6 | ביוראַליסט — — — | 1 |
| לערער — — — — | 6 | וואַלד-מעסטער — — — | 1 |
| צאָן-דאָקטאָר — — — | 4 | אַקושערקע — — — | 1 |
| אַרבעטער — — — — | 4 | אינזשעניער — — — | 1 |
| קליינהענדלער — — — | 3 | איינבינדער — — — | 1 |
| אַדוואָקאַט — — — — | 3 | ליטעראַט — — — | 1 |
| דאָקטאָר — — — — | 2 | דרוקער — — — | 1 |
| רב — — — — — | 2 | גערטנער — — — | 1 |

ס"ה — — 153

ווי עס איז צו זען שטאַמט דער גרעסטער טייל פון דער יידישער סטודענטנשאַפט פון די מיטעלע געזעלשאַפט-שיכטן.

## 8. די אָרגאַניזירונג פון דער יידישער סטודענטנשאַפט.

די צאָל יידישע סטודענטן, וועלכע געהערן צו דעם יידישן סטודענטן-פאַראיין, גרייכט שוין אין דעם יאָר ביז 260 אויף דער אַלגעמיינער צאָל 370 יידישע סטודענטן ד"ה 70,27% (*). פון די 251 אַריינגעטראָגענע אַנקעטע-בויגנס זיינען 138 געווען פון סטודענטן און 113 — פון סטודענטקעס. 119 האָבן זיך אָנגעגעבן אַלס זעלבשטענדיקע און 67, אַז זיי האָבן שוין באַזוכט אַנדערע הויכשולן.

לויט די פאַקולטעטן ציילן זיך די מיטגלידער פון פאַראיין אויף פאָלגנ-דיקן אופן:

| | | |
|---|---|---|
| הומאַניסטישער — — | 80 | מיטגלידער |
| נאַטורוו.-מאַטעמ. — — | 66 | " |
| מעדיצינישער — — — | 56 | " |
| פאַרמאַצעווטישער — — | 18 | " |
| יורידישער — — — | 29 | " |
| קונסט — — — — — | 2 | " |
| ס"ה | 251 | |

## 9. ווילנער יידישע סטודענטנשאַפט אין פאַרגלייך מיט דער יידי-שער סטודענטנשאַפט אין אַנדערע אוניווערסיטעטן.

צולעצט וויל איך נאָך פאַרגלייכן די צאָל פון די יידישע סטודענטן אין ווילנע מיט די צאָלן פון די יידישע סטודענטן אין אַנדערע פוילישע אוני-ווערסיטעטן**) (קיין פּאָליטעכניקומס און אַנד. הויכשולן זיינען ניט גע-רעכנט צוליב דער מאַנגלהאַפטער סטאַטיסטיק) און זייער פּראָצענט-פאַרהעלטניש צו דער אַלג. צאָל סטודענטן.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| לעמבערג — — | 1962 | ייד. | סטוד. | 42,74% |
| וואַרשע — — | 3056 | " | " | 35,12% |
| קראָקע — — | 1156 | " | " | 25,51% |
| ווילנע — — | 370 | " | " | 21,32% |
| פּויזן — — — | 44 | " | " | 1,54%***) |
| לובלין — — | — | " | " | 0%****) |

*) די „בראַטניאַ פּאָמאָץ" האָט אין פאַרגאַנגענעם יאָר געציילט 6 % פון דער אַלג. צאָל סטודענטן (Jednodniówka Br. Pom. Stud. U. S. B. str. 5) 1921.

**) די צאָלן בנוגע די אַנדערע אוניווערסיטעטן זיינען גענומען פון „Samopomoc Akademicka" 1922 ,1—2 ז. 17 (די ציפערן זיינען פון דעצעמבער 1921). וועגן ווילנע זיינען אין יענער טאַבעלע די צאָלן דורכאויס ניט ריכטיק אָנגעגעבן.

***) ווי עס איז צו זען האָט מען אין פּויזן צום נייעם אַקאַדעמישן יאָר די צאָל יידן נאָך מער רעדוצירט (זע אויבן די סטאַטיסטיק פון פּויזנער אוניווערסיטעט).

****) אין לובלינער אוניווערסיטעט, וועלכער איז געעפנט געוואָרן אין יאָר 1919, ווערן יידן אינגאַנצן ניט אָנגענומען, ווייל ער איז געגרינדעט געוואָרן פון אַ פּריוואַטער פונדאַציע, וועלכע האָט בפירוש באַוואָרנט, אַז קאַנדידאַטן פון ניט קריסטלעכע רעליגיעס זאָלן גיט ווערן אָנגענומען.



# די 2-יאָריקע יידישע פּעדאַגאָגישע קורסן אין ווילנע

## ביי דער קהילה און געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ (1920—1921).

### די גרינדונג פון די קורסן.

דער זומער 1919 האָט געעפנט אַ נייע תקופה אין דעם קולטורעלן לעבן פון דעם ליטווישן יידנטום. צום ערשטן מאָל פאַר די שווערע מלחמה-יאָרן האָט זיך געשאַפן אַ מעגלעכקייט פון אַ נאָענטער פאַרבינדונג צווישן די איינציקע פיל-געפּרובטע יידישע קיבוצים, וואָס דער אייזערנער אָקופּאַציע-רעזשים האָט צעבּרעקלט, איזאָלירט, אָפּגעריסן איינעם פון אַנדערן. דאָ האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן, וואָס פאַר אַ קולטורעלער תוהו-ובוהו ס'הערשט אין דער פּראָווינץ, ווי טיף ס'איז פאַרלאָזן געוואָרן די ערציאונג פון יונגן דור. און איינס איז געוואָרן קלאָר פאַר אונזערע כלל-טוער פון כלערליי ריכטונגען, אַז ניט נאָר נאָך ברויט אַליין גאַרט דאָס אויסגעהונגערטע, פאַראָרימטע ליטווישע שטעטל און אַז קולטורעלע הילף איז ניט ווייניקער נייטיק ווי די מאַטעריעלע.

אויף דעם וועג האָט זיך געשטעלט דער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ (געזעלשאַפט צו העלפן די געליטענע פון דער מלחמה), וועמענס שלוחים עס זיינען געוועזן די ערשטע, וואָס האָבן אויסגעפאָרשט די לאַגע אויף די ערטער. און שוין פון די ערשטע שריט זיינע האָט דער געגנט-קאָמיטעט אונטערגעשטיצט די פּרובן פון דער אָרטיקער אינטעליגענץ צו אָרגאַניזירן די קולטורעלע טעטיקייט אין דער פּראָווינץ. דאָ אָבער ווייזט זיך אַרויס, אַז איינע פון די הויפּט-שטערונגען פאַר דער אויפבויאונג פון דעם רואינירטן שול-וועזן אין דער פּראָווינץ איז דער מאַנגל אין לערער-קרעפטן. און אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פון פאָרשטייער פון דער פּראָווינץ, וואָס איז געווען אָרגאַניזירט דורך דעם געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ אין סעפּטעמבער 1919 ווערט באַשלאָסן צו גרינדן אין ווילנע פּעדאַגאָגישע קורסן און שפּעטער ווערן אַסיגנירט דערצו די נייטיקע געלט-מיטלען.

צו דער זעלבער מסקנא וועגן דער אומבאַדינגטער נויטווענדיקייט צו אָרגאַניזירן לערער-קורסן, איז גלייכצייטיק געקומען אויך די בילדונגס-אָפּטיילונג ביי דער ווילנער קהילה, וואָרים אויך אין שטאָט האָט זיך דער מאַנגל אין לערער געלאָזט שטאַרק פילן ביי דער רעאָרגאַניזירונג פון אַ גאַנצער ריי שולן און קינדערהיימען.

לויט דער איניציאַטיווע פון דעם פאַרוואַלטער פון דער בילדונגס-אָפּטיילונג ציי דער קהילה, ד״ר י. בערגער, זיינען שוין אין חודש אָקטאָבער געמאַכט געוואָרן די ערשטע הכנות צו דער גרינדונג פון די קורסן. אין דערזעלבער צייט איז מען אויך צוגעטראָטן צו דער ערשטער פּרוב-רעגיסטראַציע פון די צוקינפטיקע קורסיסטן, ווייל ס'איז זייער וויכטיק געווען פעסטצושטעלן, אויף וואָס פאַר אַ קאָנטינגענט צוהערער מען קען רעכענען. די יידישע שטודירנדיקע יוגנט האָט זיך אָפּגערופן זייער וואַרים אויפן אויפרוף פון דער בילדונגס-אָפּטיילונג און שוין פאַר די ערשטע פאָר וואָכן האָבן זיך אויף די קורסן פאַרשריבן בערך 200 מאַן.

זייער גיך האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נייטיק צו קאָאָרדינירן אַרום די קורסן אַלע לעבעדיקע געזעלשאַפטלעכע כוחות. צוערשט ווערט געשאַפן אַ קאָנטאַקט צווישן דער בילדונגס-אָפּטיילונג ביי דער קהילה און „יעקאָפּאָ“ און די ווייטערדיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט ווערט דורכגעפירט דורך אַ ספּעציעלער קאָמיסיע, אין וועלכער, אַחוץ דער קהילה און „יעקאָפּאָ“, זיינען פאָרגעשטעלט ביידע לערער-געזעלשאַפטן, די יידישע און די העברעאישע, דער שול-ראַט ביי דער קהילה, דער צענטראַלער בילדונגס-קאָמיטעט (צ. ב. ק.) און „תרבות“. אין דער אָרגאַנזייר-קאָמיסיע זיינען אַריין פון דער קהילה—ד״ר י. בערגער, ל. טורבאָוויטש, י. צעמעל; פון „יעקאָפּאָ“—מ. שאַליט, ב. כהן, ד. קאַפּלאַן-קאַפּלאַנסקי; פון שול-ראַט—מ. סעניצקי, ש. ידידאָוויטש; פון יידישן לערער-פאַראיין—ג. פּלודערמאַכער; פון העברעאישן לערער-פאַראיין — ש. אייזיקאָוו; פון צ. ב. ק. — י. גורעוויטש; פון תרבות – מ. אָליצקי.

די פּראָגראַם פון די קורסן איז באַטראַכט געוואָרן אויף אַ ריי זיצונגען צוערשט זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן פאָלגנדיקע הויפּט-פּרינציפּן:

1) דער שטודיום פון די קורסן איז אַ איינאָריקער.

2) די קורסן דאַרפן צוגרייטן גוט-אויסגעבילדעטע פאַך-לערער פון אַלע לימודים, וואָס ווערן געלערנט אין די יידישע פאָלקסשולן פון אַלערליי טיפּן. צו דעם ציל טיילן זיך די קורסן אין צוויי אָפּטיילונגען: אָפּטיילונג פאַר רעאַלע לימודים און אָפּטיילונג פאַר נאַציאָנאַל-הומאַניטאַרע לימודים.

3) ביים אָנקומען אויף די קורסן דאַרפן די צוהערער אָפּגעבן אַ שריפטלעכן עקזאַמען אויף יידיש און העברעאיש. ס'ווערט אויך געפאָדערט אַ בילדונגסצענז ניט ווייניקער פון 6 קלאַסן מיטלשול.

4) אויף דער אָפּטיילונג פאַר רעאַלע לימודים ווערט אָפּגעגעבן אַ באַזונדער אָרט פאַר די לימודים פון יידיש, העברעאיש און יידישע געשיכטע.

דער איינאָריקער כאַראַקטער איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געווען אַ גרויסער חסרון. פאַר אַלע אָנטיילנעמער פון די אָרגאַניזיר-באַראַטונגען איז געווען קלאָר, אַז ס'איז שוין צייט צו מאַכן אַ סוף מיט דער ביזאַהעריקער „ערזאַץ-פּעדאַגאָגיק“, וועלכע האָט אַזוי רייך אויפגעבליט פאַר די מלחמה-יאָרן און אַריבערצוגיין צו אַ נאָרמאַלן לערער-סעמינאַר. אויף דעם מאָל אָבער האָט מען זיך גערעכנט מיט דער קולטורעלער אויסגעהונגערטקייט פון דער פּראָווינץ, מיט דעם וויי-געשריי, וועלכער האָט זיך דאָרטן געלאָזט הערן אָן אַן אויפהער: „גיט אונז לערער!“

אַ געוויסן קאָרעקטיוו האָט אַריינגעטראָגן די פאָדערונג פון אַ 6-קלאַסיקן בילדונגס-צענז פון די צוהערער. די קורסן האָבן אויף אַזאַ אופן באַגרעניצט זייער עובדא נאָר מיט פאַרברייטערן און פאַרטיפערן דעם סכום עלעמענטאַרע ידיעות, וואָס די צוהערער ברענגען מיט זיך. אַדאַנק דעם איז די אויפגאַבע אין אַ געוויסער מאָס פאַרלייכטערט געוואָרן און ס'איז געשאַפן געוואָרן די מעגלעכקייט אָפּצוגעבן אַ באַזונדערס-קענטיקן אָרט פאַר דער אַלזייטיקער אויסבילדונג פון די קומענדיקע פאָלקסלערער בנוגע די פּעדאַגאָגישע און נאַציאָנאַל-קולטורעלע פּראָבלעמען פון דער מאָדערנער יידישער ש.ל.

גלייכצייטיק מיט דער פעסטשטעלונג פון דער פּראָגראַם זיינען דורך דער אָרגאַניזיר-קאָמיסיע געמאַכט געוואָרן ווייטערדיקע הכנות צו דער עפענונג פון די קורסן. ס'זיינען אויך דורכגעפירט געוואָרן די איינטריטס-עקזאַמענס אויף יידיש, העברעאיש און אַלגעמיינע לימודים. שוין דער פאַקט אַליין, וואָס יידיש און העברעאיש, וועלכע זיינען פאַר דעם גרעסטן טייל פון די פאַררעגיסטרירטע קורסיסטן געווען ביזן לעצטן מאָמענט בבחינת—אבן מאסו הבונים—האָט געמאַכט אויף זיי אַ שטאַרקן איינדרוק און האָט זיי קלאָר און בולט געוויזן דעם גרונד-אונטערשייד צווישן דעם כאַראַקטער פון די פּעדאַגאָגישע קורסן און דעם כאַראַקטער פון אַלע אַנדערע לערנאַנשטאַלטן, אין וועלכע זיי האָבן באַקומען זייער בילדונג ביזאַהער.

דער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ פון זיין זייט האָט אָנגענומען זייער ענערגישע מיטלען צוצוציען אויף די קורסן וואָס מער צוהערער פון דער פּראָווינץ— אַ געדאַנק, וואָס איז דורכאויס אַ ריכטיקער און אַ געזונטער—ווייל די צוהערער פון פּראָווינץ זיינען אַ זיכערער עלעמענט אַלס צוקינפטיקע לערער, וועלכע וועלן מיט אַ באַזונדער באַגייסטערונג זיך פאַרנעמען מיט קולטורעלער אַרבעט ביי זיך אינדערהיים.

די ווענדונגען פון קאָמיטעט האָבן געפונען אַ לעבעדיקן אָפּקלאַנג אין דער פּראָווינץ, פון וואַנען ס'האָבן זיך געמעלדן אַ גאַנצע ריי קאַנדידאַטן פון פאָלגנדיקע פונקטן: אָשמענע, איישישאָק, איוויע, בעליצע, גלובאָקע, וואָלאָזשין, מיישעגאָלע, ניי-ווילייקע, ניי-סווענציאַן, סוויר, קראָקי.

די צאָל אָנגעגעבענע בקשות אויף די קורסן האָט באַטראָפן איבער 200. פון זיי זיינען אָנגענומען געוואָרן בס״ה 143 צוהערער לויט פאָלגנדיקער טאַבעלע:

| אָפּטיילונג | מענער | פרויען | ס״ה | פון פּראָווינץ |
|---|---|---|---|---|
| רעאַלע | 33 | 75 | 108 | 8 |
| נאַצ—הומ. | 21 | 14 | 35 | 8 |
| ס״ה | 54 | 89 | 143 | 16 |

לויט זייערע ידיעות אין יידיש און העברעאיש זיינען אָנגעקומען אָנפאַנגער אויף יידיש—49, אויף העברעאיש—68.

לויטן בילדונגס-צענז זיינען די קורסיסטן פאַרטיילט געווען אויף פאָלגנדיקן אופן:

| אָפּטיילונג | 8 קלאַסן | 7 קלאַסן | 6 קלאַסן | 4—5 קלאַסן |
|---|---|---|---|---|
| רעאַלע | 48 | 29 | 16 | 15 |
| נאַצ.-הומ. | 5 | 5 | 6 | 19 |
| ס״ה | 53 | 34 | 22 | 34 |

דער באַשטאַנד פון די צוהערער לויט זייער אַלגעמיינער בילדונג דאַרף אָנערקענט ווערן אַלס זייער א גינסטיקער פאַר די צילן, וואָס די קורסן האָבן זיך געשטעלט, הייל, ווי ס'איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן, איז געשאַפן געוואָרן א מעגלעכקייט אָפּצוגעבן מער אָרט פאַר דער פּעדאַגאָגישער און יידישער אויס-בילדונג.

צווישן די אָנגעקומענע צוהערער האָט זיך אָבער געפונען א גרויסער טייל א צופעליקער עלעמענט, אָן דער ערנסטער כוונה זיך שפּעטער צו פאַרנעמען מיט פּעדאַגאָגישער אַרבעט, פון וועלכע די קורסן איז אויסגעקומען זיך ביס-לעכווייז צו באַפרייען, אַזוי, אַז ביים ענדיקן זיינען געווען ניט מער ווי א העלפט פון די אָנגעקומענע.

## די פאַרוואַלטונג.

אויף דער לעצטער זיצונג פון דער אָרגאַניזיר-קאָמיסיע, דעם 23-טן דעצעמבער 1919, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די לייטונג פון די קורסן באַ-שטייט פון 10 פּערזאָן: 3 פון דער קהילה, 3 פון „יעקאָפּאָ״, צו 1 פון דער יידישער און העברעאישער לערער-געזעלשאַפטן און 2 פון לעקטאָרן-ראַט. בראש פון אַנשטאַלט שטייט דער פאַרוואַלטער, וועלכער ווערט אויסגעקליבן פון לעק-טאָרן-ראַט און באַשטעטיקט דורך דער פאַרוואַלטונג. די עובדא פון דער פאַר-וואַלטונג איז געווען: די אַלגעמיינע אָנפירונג מיט די קורסן און ערליידיקונג פון אַלע פינאַנס-ווירטשאַפטלעכע ענינים. אויסגעהאַלטן זיינען געוואָרן די קורסן דורך דער קהילה און „יעקאָפּאָ״. „יעקאָפּאָ״ האָט נאָך חוצדעם אַרויסגעגעבן שטענדיקע און ציטווייליקע סובסידיעס אַן ערך 20 צוהערער. פון יאַנואַר 1921 יאָר, ווען די קהילה און „יעקאָפּאָ״ האָבן אויפגעהערט צו באַקומען געלט אויף קולטורעלע צוועקן, איז דער ביודזשעט פון די קורסן פאַרן לעצטן האַלב יאָר געדעקט געוואָרן נאָר טיילווייז דורך „יעקאָפּאָ״ און סובסידיעס מצד דער רעגי-רינג און צ. ב. ק. צום סוף לערניאָר האָט זיך באַקומען א באַדייטנדיקער דעפי-ציט פון בערך 200.000 מאַרק. דער ביודזשעט פון די קורסן פאַר דער גאַנ-צער צייט האָט באַטראָפן ס״ה 1.200.000 מאַרק.

די פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע פּערזאָנען: פון דער קהילה—ד״ר י. בערגער, ד״ר י. רעגענסבורג און י. צעמעל; פון „יעקאָפּאָ״—ר״ר י. וויגאָדסקי, מ. שאַליט און ב. כהן; פון יידישן לערער-פאַראיין - ג. פלוי-דערמאַכער; פון העברעאישן לערער-פאַראיין – מ. סעניצקי; פון לעקטאָרן-ראַט—זריער—י. גערשטיין און אָליצקי און שפּעטער—ל. מירסקי און א. ארינאָווסקי. אַלס פאַרוואַלטער פון די קורסן איז אויסגעקליבן געוואָרן דער געהילף-פאַרוואַלטער פון דער בילדונגס-אָפּטיילונג ביי דער קהילה—ל. טורבאָוויטש און אַלס סעקרע-טאַר ד״ר נ. אישלאָנדסקי. פאַקטיש איז אָבער די גאַנצע אַרבעט פון דער פאַר-וואַלטונג אויסגעפירט געוואָרן דורך די ה״ה שאַליט און צעמעל, וועלכע האָבן רעגלמעסיק באַזוכט אַלע זיצונגען און געקומען שטענדיק צו הילף דעם פאַרוואַל-טער אין אַלע נייטיקע פאַלן.

## לעקטאָרן-ראַט.

דער ערשטער באַשטאַנד פון די לעקטאָרן איז איינגעלאַדן געוואָרן דורך דער אָרגאַניזיר-קאָמיסיע. נאָך דער עפענונג פון די קורסן, זיינען אַלע ווייטער-דיקע איינלאַדונגען פאָרגעקומען דורכן לעקטאָרן-ראַט, בהסכם מיט דער פאַרוואַל-טונג פון די קורסן.

אַלס א גרויסער דעפעקט פון דער אַרבעט פון די קורסן מוז באַצייכנט ווערן דאָס, וואָס די לעקטאָרן זיינען געווען זייער ווייניק פאַרבונדן מיט די קורסן: א צו גרויסער באַשטאַנד פון די לעקטאָרן ביי א קליינער וועכנטלעכער צאָל שעהן פאַר יעדן לעקטאָר. די שווערסטע אויפגאַבע פון פאַרוואַלטער איז דעריבער די גאַנצע צייט געווען צו שאַפן ביי אַזוינע ניט גינסטיקע באַדינגונגען א שטענדיקן קאָנטאַקט מיט די לעקטאָרן און דורכפירן א איינהייטלעכן פּלאַן פון דער אַרבעט. צו דעם ציל פלעגן צונויפגערופן ווערן ווי ווייט מעגלעך אָפ-טערע זיצונגען פון לעקטאָרן-ראַט, וואו עס פלעגן באַהאַנדלט ווערן אַלערליי פראַגן פון דעם אינעווייניקסטן לעבן פון די קורסן און רעגולירט ווערן די פּראָגראַם-פראַגן. אויסערדעם זיינען אויסגעטיילט געוואָרן א גאַנצע ריי געגנ-שטאַנד-קאָמיסיעס (פאַר פּעדאַגאָגיק, יידיש, העברעאיש, יידישע געשיכטע, נאַטור-וויסנשאַפט, פּראַקטיק אין די שולן, פּראָפּעסיאָנעלע א. אַז. וו.), וואו עס פלעגן שוין אויספירלעך פעסטגעשטעלט ווערן די קורסן פון איינציקע לימודים, שריפט-לעכע אַרבעטן, קאָנספּעקטן א. אַז. וו.

אויף די פּעדאַגאָגישע קורסן האָבן אין משך פון זייער עקסיסטענץ גע-לייענט לעקציעס פאָלגנדיקע לעקטאָרן:

1. ר. איסערליס
2. ש. אייזיקאָוו
3. מ. אָליצקי
4. ב. בערקאָן
5. י. גאָרדאָן
6. י. גיליגיטש
7. י. גערשטיין
8. ב. זאַלקינד
9. ח. חזן
10. ל. טורבאָוויטש
11. ש. ידידאָוויטש
12. ד״ר ה. ייבין
13. ל. לאָזאָווסקי
14. ב. לובאָצקי
15. דוד לובאָצקי
16. ד״ר מ. לעווין
17. א. לעווין
18. מ. לייבאָווסקי
19. ל. לעווקאָוויטש
20. ל. מירסקי
21. מ. נאַדעל
22. מ. סאָלאָוויי
23. ר. סאָראָטשעק
24. מ. סעניצקי
25. י. פּאַט
26. גאָלדע פּאַץ
27. ג. פלודערמאַכער
28. י. צעמעל
29. א. טשאַסטראָוו
30. מ. קאָדקין
31. י. רובין
32. ז. רייזען
33. ד״ר י. רעגענסבורג
34. מ. שאַליט
35. ראָזע שמחהוויטש
36. י. שער.

## קורסיסטן-ראַט.

גלייך ווי די קורסן זיינען געגרינדעט געוואָרן און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער נאָרמאַלער גאַנג פון די לימודים, האָבן זיך די צוהערער אָרגאַניזירט, אויס-וויילנדיק א געמיינזאַמען קורסיסטן-ראַט פון 9 פּערזאָן (6 פון דער רעאַלער אָפּ-טיילונג און 3 פון דער נאַציאָנאַל-הומאַניטאַרער). אויסערדעם זיינען אין קורסיסטן-ראַט געווען פאַרטראָטן 2 פאָרשטייער פון לעקטאָרן-ראַט. דער קורסיסטן-ראַט האָט אָנגעפירט מיט אַלע ענינים פון דער קורסיסטן-אָרגאַניזאַציע, האָט געזוכט ווי ווייט מעגלעך צו פאַרלייכטערן דעם מאַטעריעלן מצב פון די נויטבאַדערפטיקע חברים, האָט געפירט א קולטורעלע טעטיקייט און האָט אָנטיילגענומען ביים באַ-טראַכטן אינערלעך-אַקאַדעמישע און פּראָגראַמאַטישע פראַגן.

די געלט-מיטלען זיינען געשאַפן געוואָרן פון חודשדיקן חבר-אָפּצאָל און פאַרשיידענע אונטערנעמונגען.

אויף דורכצופירן די גאַנצע אַרבעט זיינען ביים קורסיסטן-ראַט אָרגאַניזירט געוואָרן פאַרשיידענע קאָמיסיעס:

1) זעלבסטהילף-קאָמיסיע, ביי וועלכער ס'האָט זיך געפונען א ליי-קאַסע און אַן אַרבעטס-ביוראָ, וואָס פלעגט זאָגן צו באַקומען פאַר די ח״ח אַרבעט, ווי פּריוואַטע לעקציעס, שול-אַרבעט א. אַז. וו.

2) קולטור-קאָמיסיע פלעגט אַראַנזשירן עפנטלעכע און פאַמיליען-אָוונטן, עפנטלעכע לעקציעס, האָט אַרויסגעגעבן א זשורנאַל „קורסיסטן-וואָרט״, און פלעגט איינאָרדענען „קעסטל-אָוונטן״, אויף וועלכע ס'פלעגן באַהאַנדלט ווערן פאַרשיידענע פּעדאַגאָגישע פראַגן.

3) אַקאַדעמישע קאָמיסיע האָט זיך פאַרנומען מיט פּראָגראַמאַטישע פראַגן און געהאַט אָפּטמאָל באַראַטונגען מיט איינציקע לעקטאָרן בנוגע זייערע לימודים.

4) ביבליאָטעק-קאָמיסיע האָט פאַרוואַלט מיט דער קורסן-ביבליאָטעק און

5) קאָאָפּעראַטיוו-קאָמיסיע האָט איינגעאָרדנט א קאָאָפּעראַטיוו פון פאַר-שיידענע שרייב-מאַטעריאַלן פאַר די קורסיסטן.

דער ק.-ר. האָט געהאַט 3 פאָרשטייער אין לעקטאָרן-ראַט און אין נייטיקע פאַלן ביים באַטראַכטן פראַגן, וועלכע האָבן געהאַט א שייכות צו די קורסיסטן, אויך פאָרשטייער אין פאַרוואַלטונג. דערמיט, וואָס ס'זיינען קעגנזייטיק געווען פאַרטראָטן דער ל.-ר. און ק.ר., און אויך, וואָס דער פאַרוואַלטער פלעגט בייזיין אויף אַלע פאַרזאַמלונגען פון די קורסיסטן, איז געשאַפן געוואָרן א שטענדיקער קאָנטאַקט און צוזאַמענאַרבעט צווישן די לעקטאָרן און צוהערער.

די קורסיסטן פלעגן אויך אָנטיילנעמען אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון

שטאָט, דעלעגירנדיק זייערע פאָרשטייער אין קאָמיסיעס פאַר זאַמלטעג אויף קול-טורעלע צוועקן, אַנ—סקי-אָוונט א. אַז. וו.

בכלל האָבן די קורסיסטן אַרויסגעוויזן אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן אין האָבן פיל מיטגעווירקט דעם ערפאָלג פון די קורסן.

## די עפענונג פון די קורסן.

שבת, דעם 10-טן יאַנואַר 1920 אינאָוונט איז אין בנין פון דער קהילה פאָרגעקומען די פייערלעכע עפענונג פון די פּעדאַגאָגישע קורסן.

געעפנט די פייערונג האָט ד״ר צ. שאַבאַד אַלס פאָרזיצער פון דער קהילה. נאָך די באַגריסונגען פון ד״ר י. בערגער (בילדונגס-אָפּטיילונג ביי דער קהילה), ד״ר י. רעגענסבורג (ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע), ב. כהן-ווירגילי („יעקאָפּאָ״), א. רודניצקי („מרכז צעירי-ציון״), ה׳ קאַפּלאַן (שטאָטישער קאָמיטעט צ. צ.), ש. גאָרדאָן (קולטור-ליגע), ה׳ הורוויטש (האַנטווערקער-פאַראיין), ה׳ קאָפּעליאָוויטש („צעירי-ישראל״), ה׳ אָליצקי (העברעאישער לערער-פאַראיין), און וואָרט פון דעם פאַרוואַלטער פון די קורסן ה׳ ל. טורבאָוויטש צו די קורסיסטן, האָט ד״ר י. רעגענסבורג געהאַלטן אַן אַריינפיר-לעקציע א. ד. ט. „פּסיכאָלאָגיע — אַלס גרונד-וויסנשאַפט פון פּעדאַגאָגיק״.

אויף מאָרגן, זונטאָג, דעם 11-טן יאַנואַר האָט זיך אָנגעהויבן די נאָרמאַלע אַרבעט אויף די קורסן.

## לאָקאַל, גאַנג פון דער אַרבעט, ביבליאָטעק, פאַררעכענונגען.

די לימודים אויף ביידע אָפּטיילונגען זיינען געפירט געוואָרן אין בנין פון דער קהילה (אָרזשעשקאָ 7), וואו ס׳איז פאַר זיי אָפּגעגעבן געוואָרן א ספּעציעלער לאָקאַל. דער לאָקאַל איז געווען ענג און ווייניק צוגעפּאַסט. קיין פרייע צימערן אויף א פיזישן קאַבינעט איז ניט געווען און אפילו דעם לימוד פון צייכענען איז די ערשטע צייט אויסגעקומען צו פירן אין אַן אַנדער לאָקאַל (אין לאָקאַל פון „הילף דורך אַרבעט״).

אַזוי ווי דער גרעסטער טייל קורסיסטן זיינען פון אינדערפרי געווען שעפטיקט, האָבן די קורסן פונקציאָנירט אין די אָוונט-שעהן פון 4 ביז 9. אויף די אָבליגאַטאָרישע לימודים פאַר ביידע אָפּטיילונגען פלעגן זיך ביידע אָפּטיילונגען פאַראייניקן אין 1 אוידיטאָריע. די באַזוכונג פון די לעקציעס פלעגט זיך קאָנטראָלירן לויט א באַזונדערער זעלבסטרעגיסטראַציע. די לימודים פלעגן געפירט ווערן לויט חודשדיקע שעהן-פּלענער. די טעאָרעטישע אַרבעט פון די צוהערער איז באַשטאַנען פון לעקציעס און שמועסן אויף די אַלע לימודים, וואָס זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן אין לערנפּלאַן פון די קורסן. צוליב מאַנגל אין די נייטיקע מכשירים איז רער גרעסטער טייל לעקציעס ניט געווען באַגלייט מיט פּראַקטישע אַרבעטן. אייניקע לימודים האָט זיך דאָך איינגעגעבן צו פירן לויטן לאַבאָראַטאָרישן מעטאָד: פיזיק, כעמיע און פיזיאָלאָגיע. אויף דעם לימוד פון יידיש איז די רעאַלע אָפּטיילונג, צוליב די פאַרשיידנאַרטיקע ידיעות פון די צוהערער, פאַרטיילט געוואָרן פריער אויף 3 און שפּעטער אין 2 גרופּעס; אויף העברעאיש איז אויף דער רעאַלער אָפּטיילונג צוליב דעם זעלבן טעם אויך געווען 3 גרופּעס. אויף דער נאַצ. הומ. אָפּט. זיינען די לימודים, אַזוי ווי אויף דער רעאַלער אָפּט. געפירט געוואָרן אין יידיש, אויסער העברעאישע ליטעראַטור, תנ״ך און יידישע געשיכטע, וועלכע זיינען געפירט געוואָרן אין העברעאיש. אויף די טעכנישע לימודים זיינען די קורסיסטן פון ביידע אָפּטיילונגען געווען איינגעטיילט לויט זייערע ידיעות אין גרופּן: צייכענען – 4, שפּעטער—3, האַנטאַרבעט—2, גימנאַסטיק—2 (מענער- און פרויען-גרופּע).

כדי צו געבן די קורסיסטן די מעגלעכקייט צו דערגאַנצן און פאַרפולקומען זייערע ידיעות אויסער די לעקציעס איז איינגעשאַפט געוואָרן א ביבליאָטעק פון בערך 800—1000 ביכער, גרעסטנטיילס פאַר פּעדאַגאָגיק, יידישער און העברעישער ליטעראַטור.

ביים דורכגיין א געוויסן קורס פלעגן אויף אייניקע לימודים פאָרקומען קאָלאָקוויומס. די צוהערער פלעגן אויך אָפּט שרייבן שריפטלעכע אַרבעטן, זעלבשטענדיקע פאָרטראָגן אויף ליטעראַטור, געשיכטע און פּעדאַגאָגיק. צום סוף פון ערשטן און צווייטן לערניאָרן זיינען אויף געוויסע לימודים פאָרגעקומען פאַררעכענונגען (עקזאַמענס). די פאַררעכענונגען און שריפטלעכע אַרבעטן האָבן קלאָר באַוויזן די ערנסטע באַציאונג פון די קורסיסטן צו די לימודים, דער לערנמאַטעריאַל איז דורך זיי גרינדלעך דורכגעאַרבעט געוואָרן און די קורסיסטן האָבן פיל באַוויזן אין זין פון אַלגעמיינער אַנטוויקלונג.

## אַלגעמיינער לערנפּלאַן. פאַרלענגערונג פון די קורסן.

אין אַלגעמיינעם לערנפּלאַן פון די קורסן זיינען אין משך פון די ערשטע פאָר חדשים אַרבעט פאָרגעקומען קאַרדינאַלע שינויים.

לכתחילה, ווי שוין דערמאָנט, האָבן די קורסן געדאַרפט פאַרענדיקט ווערן אין אווגוסט 1920 יאָר. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן שוין ביים אָנהייב פון די לימודים, אַז דאָס איז אוממעגלעך אפילו ביי דער גרעסטער אָנשטרענגונג; ערשטנס איז דער טעמפּ פון די לימודים געווען צו שנעל און אין פּעדאַגאָגישן זין זייער שעדלעך; צווייטנס האָט מען אומבאַדינגט געדאַרפט אַריינפירן א גאַנצע



ריי נייע לימודים, פאַר וועלכע עס איז אפילו ביי די 6 לעקציעס טעגלעך ניט געווען קיין צייט.

נעמענדיק דאָס אַלץ אין אַכט, האָט דער לעקטאָרן-ראַט בהסכם מיט דער פאַרוואַלטונג פון די קורסן באַשלאָסן צו פאַרלענגערן די קורסן ביז אַפּריל 1921 יאָר. אויף אַזאַ אופן זיינען די קורצע-מיניקע 8-חדשימדיקע קורסן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין 2-יאָריקע יידישע פּעדאַגאָגישע קורסן.

די נייע פּראָגראַם, וואָס דער לעקטאָרן-ראַט האָט אויסגעאַרבעט האָט זין שטאַרק אונטערשיידט פון דער פּראָגראַם פון דער אָרגאַניזיר-קאָמיסיע. די לימודים אויף ביידע אָפּטיילונגען קענען פונאַנדערגעטיילט ווערן אויף 4 הויפּט-גרופּן: 1) פּעדאַגאָגיש-מעטאָדישע, 2) נאַטורוויסנשאַפטלעך-מאַטעמאַטישע, 3) הומאַניטאַרע און 4) טעכנישע. די פאַקטישע צאָל שעהן, וואָס יעדער לימוד האָט געהאַט, און די דורכגעפירטע אַרבעט אויף יעדן לימוד איז צו זען פון פאָלגנדיקער טאַבעלע:

### A. פּעדאַגאָגיק און מעטאָדיק.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| .1 | פּסיכאָלאָגיע | —57 | שעה | (פאַר ביידע אָפּט.) |
| .2 | עקספּערימענטאַלע פּעדאַג. (קינדער-פּסיכאָלאָג.) | —18 | „ | „ „ „ |
| .3 | געשיכטע פון פּעדאַגאָגיק | —7 | „ | „ „ „ |
| .4 | די הויפּט-פּראָבלעמען פון דער מאָדערנער עטיק | —6 | „ | „ „ „ |
| .5 | דידאַקטיק | —21 | „ | „ „ „ |
| .6 | היגיענע | —14 | „ | „ „ „ |
| .7 | שול-היגיענע | —3 | „ | „ „ „ |
| .8 | קינדער-ליטעראַטור | —9 | „ | „ „ „ |
| .9 | מעטאָדיק פון יידיש | —18 | „ | „ „ „ |
| .10 | מעטאָדיק פון חשבון | —28 | „ | (רעאַלע אָפּטיילונג) |
| .11 | פּראָפּעדעווטישע געאָמעטריע | —13 | „ | „ „ |
| .12 | מעטאָדיק פון נאַטורוויסנשאַפט | —9 | „ | „ „ |
| .13 | פּראַקטישע פיזיק | —30 | „ | „ |
| | ס״ה | 233 | שעה. | |

### B. נאַטורוויסנשאַפט און מאַטעמאַטיק.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| .1 | אַנאַטאָמיע פון מענטשן | —25 | שעה | (רעאַלע אָפּט.) |
| .2 | פיזיאָלאָגיע | —23 | „ | „ „ |
| .3 | באָטאַניק | —30 | „ | „ „ |
| .4 | זאָאָלאָגיע | —6 | „ | „ „ |
| .5 | כעמיע | —11 | „ | „ „ |
| .6 | נאַטורוויסנשאַפט | —49 | „ | (נאַצ.—הומ. אָפּט.) |
| .7 | מאַטעמאַטיק | —41 | „ | „ „ „ |
| | ס״ה | 185 | שעה. | |

### C. הומאַניסטיק.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| .1 | יידישע ליטעראַטור | –77 | שעה | (רעאַלע אָפּט.) |
| .2 | יידישע ליטעראַטור | 35 | „ | (נאַצ.—הומ. אָפּט.) |
| .3 | יידישע שפּראַך | —17 | „ | (רעאַלע אָפּט.) |
| .4 | יידישע שפּראַך | —28 | „ | (נאַצ.—הומ. אָפּט.) |
| .5 | העברעאיש | —75 | „ | (רעאַלע אָפּט.) |
| .6 | העברעאישע ליטעראַטור (עברית) | —106 | „ | (נאַצ.—הומ אָפּט.) |
| .7 | תנ״ך (ביבל-קריטיק) | —60 | „ | (נאַצ.—הומ. אָפּט). |
| .8 | יידישע געשיכטע | —56 | „ | (רעאַלע אָפּט.) |
| .9 | יידישע געשיכטע (הסתוריה עברית) | —71 | „ | (נאַצ.—הומ. אָפּט.) |
| .10 | אַלגעמיינע געשיכטע | —65 | „ | „ „ „ |
| .11 | פּויליש | —42 | „ | (פאַר ביידע אָפּט.) |
| | ס״ה | 632 | שעה. | |

### D. טעכנישע לימודים.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| .1 | צייכענען | —51 | שעה | (פאַר ביידע אָפּט.) |
| .2 | קלעפּן (מאָדעלירן) | —3 | „ | „ „ „ |
| .3 | האַנטאַרבעט | —50 | „ | „ „ „ |
| .4 | גימנאַסטיק | —47 | „ | „ „ „ |
| .5 | געזאַנג | —42 | „ | „ „ „ |
| .6 | קאָנצערטינע-שפּילן | —38 | „ | „ „ „ |
| | ס״ה | 231 | שעה. | |

בס״ה זיינען געלייענט געוואָרן 37 קורסן—1241 שעה.

אויסער די לימודים איז אין פּראָגראַם פון די קורסן אָנגעמערקט געווען נאָך פאָלגנדיקע לימודים, וועלכע זיינען אָבער צוליב מאַנגל אין צייט ניט דורכגעגאַנגען געוואָרן: 1) לאָגיק, 2) שול-קענטעניש, 3) געשיכטע פון בילדונג ביי יידן, 4) ביבליאָטעק-פירונג, 5) טעכנאָלאָגישע שמועסן, 6) שול-גערטנעריי, 7) יידישע דעמאָגראַפיע, 8) ליטע-קענטעניש, 9) באָדנלערע, 10) מעטאָדיק פון געאָגראַפיע.

די דורכגעפירטע אַרבעט באַשטייט אין פאָלגנדיקן:

## A. פעדאַגאָגיק און מעטאָדיק.

### 1. פסיכאָלאָגיע.

אַרײַנפיר. די פאַרהעלטעניש צווישן פיזישן און פסיכישן. די אַנטוויקלונג פון פסיכישע פּראָצעסן. פּסיכאָ-פיזיק פון אײַנצלנע חושים. די עמפינדונגען. די פאָרשטעלונג. די געזעצן פון אידעען-אַסאָציאַציע און ווידערדערקענונג. די פסיכאָלאָגישע געזעצן פון לאָגישן דענקען. אויפמערקזאַמקייט. דאָס בכיוונדיקע און אומבכיוונדיקע דענקען. די צוזאַמענזעצונג פון דער „איך"-פאָרשטעלונג. זכרון. אַנאָמאַליען פון די עמפינדונגען און פאָרשטעלונגען (סינעסטעזיען, האַלוצינאַציעס, אילוזיעס, וואַנאידעען, צוואַנגס-פאָרשטעלונגען, חלום, היפּנאָז), באַוואוסטע און אומבאַוואוסטע פאָרשטעלונגען, דער רצון.

### 2. עקספּערימענטאַלע פעדאַגאָגיק (קינדער-פסיכאָלאָגיע).

אַרײַנפיר אין קורס. די נאַטירלעכע אַנטוויקלונג פון קינד. די אײַנמיונג. שפּיל און פאַנטאַזיע בײַם קינד. די פסיכאָלאָגיע פון קינד. סוגעסטיע און איר ראָלע אין דער ערציאונג. אויפמערקזאַמקייט. כאַראַקטעריסטיק פון קינדער (אינטעליגענץ-מעסטונגען לויט די טעסטן פון בינע). אַסאָציאַציע און איר מעסטונג.

### 3. געשיכטע פון פעדאַגאָגיק.

רוסאָ. פעסטאַלאָצי. פרעבעל. מאָנטעסאָרי. הערבאַרט. נעאָ-הערבאַרטיאַנער.

### 4. די הויפּט-פּראָבלעמען פון דער מאָדערנער עטיק.

די דערציאונגס-צילן. עטיק אַלס פעדאַגאָגישע גרונדוויסנשאַפט. די גרונד-שטרעבונגען אין דער עטיק און זייער שײַכות צו די ערציאונגס-פּראָבלעמען.

### 5. דידאַקטיק.

די צילן פון דידאַקטיק און איר אָרט צווישן אַנדערע פעדאַגאָגישע וויסנשאַפטן. די גרונדפּרינציפּן פון דידאַקטיק (האַרמאָנישע אָרגאַניזאַציע פון פּלאַן, די כללים פון כסדרדיקייט, צוטריטלעכקייט א. אנד.). די פסיכאָלאָגישע מאָמענטן פון אונטערריכט. די לאָגישע מאָמענטן אין פּראָצעס פון אונטערריכט. דער לערנפּלאַן. די אָרגאַנישע פאַרבינדונג פון פאַרשיידענע געגנשטאַנדן אין דער פאָלקסשול. דער מעטאָד און זײַן באַדײַטונג. דער וויסנשאַפטלעכער און דידאַקטישער מעטאָד. אַנאַליז פון פאַרשיידענע מעטאָדן (דער דאָגמאַטישער און גענעטישער). פאַרשיידענע פאָרמען פון דידאַקטישן מעטאָד (אַקראָאַמאַטישע, עראָטעמאַטישע, עווריסטישע, סאָקראַטישע א. אנד.). די הויפּטפאָדערונגען צו דער טעכניק פון דער עווריסטישער פאָרם. דער אָנשויאונגס-מעטאָד. זײַן געשיכטע און זײַן באַגרינדונג בײַ די מאָדערנע פעדאַגאָגן. דער אַרבעטס-פּרינציפּ. אַרבעט אויסער דער שול. לערנביכער און לערנמכשירים. דער אינטערעס. די אויפמערקזאַמקייט. דיסציפּלין אין דער שול. דער שילער-קאָלעקטיוו. די טעכניק פון אונטערריכט. קאָנצענטערס, די דערציאונג אין דער שול. שכר ועונש. באַלן, רעפּעטיציעס און עקזאַמענס. די קעגנזײַטיקע באַציאונגען צווישן לערער און די שילער.

### 6, היגיענע.

לופט. וואַסער. באָדן. דערנערונג און דערנערונגס-מיטלען

### 7. שול-היגיענע.

שול-בנין. קלאַסנצימער, ווענטילאַציע, באַהייצונג, באַלייכטונג.

(דער קורס איז צוליב מאַנגל אין צײַט ניט פאַרענדיקט געוואָרן)

### 8. קינדער-ליטעראַטור.

די ראָלע פון דער קינדער-ליטעראַטור אין דער דערציאונג. רעאַליטעט און פאַנטאַזיע. די ריכטונגען אין דער קינדער-ליטעראַטור (סענטימענטאַליזם, ראָמאַנטיזם, קינסטלערישער רעאַליזם). ד'אַמיטשיס, דאָדע, מאַרק טווען. די קינדער-ליטעראַטור פון די יאָרן 1870—1900. אַנדערסען. די אָריגינעלע יידישע קינדער-ליטעראַטור. ביבליאָטעק-פירונג אין שול.

### 9. מעטאָדיק פון יידיש.

קעגנזײַטיקע באַציאונגען צווישן פעדאַגאָגיק און פילאָלאָגיע. די פאָדערונגען פון דער אָרטאָגראַפיע. וואָס הייסט לערנען לייענען? די פסיכאָלאָגישע גרונד-הנחות בײַם לערנען לייענען. די פאַרפולקומונג פון דעם קינדס שפּראַך און די מיטלען דערצו. דער לערנען לייענען און שרייבן. געשיכטע פון אלף-בית. עלעמענטן פון שריפטלעכן אלף-בית. קלאַסיפיקאַציע פון די מעטאָדן פון לערנען לייענען און שרייבן: א) סינטעטישער מעטאָד, ב) אַנאַליטישער מעטאָד, ג) אַנאַליטיש-סינטעטישער מעטאָד. מאַזאַאישער אלף-בית. מאָנטעסאָריס גלאָז-פּאַפּיר-אלף-בית. יסודות פון דער אַמעריקאַנער סיסטעם פון לערנען לייענען. קאַטעכיזאַציע. מוסטער-מעשהלעך פון דער אַמעריקאַנער סיסטעם. ריטם. חד-גדיא-מאָדוס פון מעשהלעך. דערקלערונגס-לייענען. ליטעראַטור-לימוד אין שול. רעצענזיעס אַ בער לערנביכער פאַר יידיש



### 10. מעטאָדיק פון חשבון.

די געשיכטלעכע אַנטוויקלונג פון דער נאַטירלעכער ריי פון צאָלן. דער קוק פון פאַרשיידענע מאַטעמאַטישע שולן אויף דער נאַטור פון אַ צאָל. די גלייכע ציילונג אין גבול פון ערשטן צענדליק. דער מאָנאָגראַפישער מעטאָד אין אַריטמעטיק. חיבור און חיסור אין גבול פון ערשטן צענדליק. רעשטן און דיפערענץ. כפל אין גבול פון ערשטן צענדליק. דער איבערגאַנג צו גאַנצע צענדליקער אין גבול פון ערשטן הונדערט. חיבור און חיסור אין גבול פון די ערשטע צוויי צענדליק. חיבור און חיסור אין גבול פון ערשטן הונדערט. די כפל-טאַבעלע. די מעטאָדיק פון חילוק. די צאָלן פון אַריטמעטישע אויפגאַבן, אַריטמעטישע און אַלגעבראַאישע אויפגאַבן אין אַריטמעטיק. די צוגרייטונג צו קאָמפּליצירטע אויפגאַבן. אַנאַליז און סינטעז. דער גבול ביז 9999. אַרײַנפיר אין נומעראַציע. די פונקציע פון נול. קאָפּ-חשבון. חיבור און חיסור מונדלעך און שריפטלעך. די שינויים און די רעזולטאַטן פון די אַקטן אין צוזאַמענהאַנג מיט די שינויים אין די געגעבענע. דער צוזאַמענהאַנג צווישן די עלעמענטן פון די אָפּעראַציעס. חשבון לפי-ערך. דער אַרײַנפיר פון אַלגעברע. אַריטמעטישע אויסדרוקן. די פאַרטיילונג פון דעם מאַטעמאַטישן מאַטעריאַל צווישן אַלגעברע און אַריטמעטיק. נומעראַציע פון אומבאַגרעניצטע צאָלן. ברוכצאָלן ביז צום סיסטעמאַטישן קורס. ווען לערנען געצענטלטע ברוכצאָלן? (די פּראָגראַם און די ערפאַרונג). דער ערשטער קאָנצענטער פון אייַנפאַכע ברוכצאָלן. זײַן אינהאַלט און זײַן מעטאָדיק. די לערנמכשירים צום ערשטן קאָנצענטער. אַ פּאַראַלעלער קורס פון געצענטלטע ברוכצאָלן. דער סיסטעמאַטישער קורס — זײַן מעטאָדאָלאָגיע. פאַרגלייכונג פון ברוכצאָלן. פּראַקטישע מיטלען צו געפינען דעם געמיינזאַמען טיילווייזער. געצענטלטע ברוכצאָלן און פּראָצענטן. קערן. ריווח און היזק אַלס אַבסאָלוטע און רעלאַטיווע גרייסן. די גרעניצן פון אַריטמעטיק. 3 שטאַנדפּונקטן, סיבות און רעזולטאַטן. אַ קאָמפּלעקס פון ח-גרייסן. די איזאָלירונג פון 2—ח-גרייסן, כדי פעסטצושטעלן דעם צוזאַמענהאַנג צווישן די געבליבענע 2 גרייסן (אויפגאַבן אויף דעם אייַנפאַכן כלל פון דריי). דער קאָמפּליצירטער כלל פון דריי. פּראָפּאָרציאָנעלער חילוק (אָן דער טעאָריע פון פאַרהעלטענישן, אויפן סמך פון דער צעברעקלונג און פאַראייניקונג פון חלקים.)

### 11. פּראָפּעדעווטישע געאָמעטריע

פּראָפּעדעווטישע געאָמעטריע אַלס אַ פּראַקטישער צוגרייטונגס-קורס און איר אָרט אין דער פאָלקסשול. אירע מעטאָדן אין פאַרגלייך מיטן לאָגישן מעטאָד: אַנאַליזירונג פון קאָנקרעטע קערפּערס און פיגורן און קאָנסטרואירונגען פון דיזעלבע פיגורן. די אויסערלעכע באַטראַכטונג פון אַ קוב, פּריזמע און פּיראַמידע און די פּלאַנימעטרישע פיגורן, וועלכע שטאַמען פון זיי אָפּ. די קיילעכדיקע קערפּערס און די פּלאַנימעטרישע פיגורן, וועלכע שטאַמען פון זיי. לאַבאָראַטאָרישע אַרבעט מיט די צוהערער. צושניטן פון אַלע געאָמעטרישע קערפּערס מיט טעאָרעטישע און פּראָפּעדעווטישע דערקלערונגען.

### 12. מעטאָדיק פון נאַטורוויסנשאַפט.

אײַנלייטונג. נאַטורוויסנשאַפט אין דער אַלטער שול. די באַזונדערע ראָל פון נאַטורוויסנשאַפט אַלס בילדונגס-געגנשטאַנד. קאָנצענטראַציע פון מאַטעריאַל. דער סדר אין דורכגיין די טויטע נאַטור. פאַרבינדונג מיט געאָגראַפיע. די אָרדענונג בײַם דורכגיין זאָאָלאָגיע. דער ביאָלאָגישער פּרינציפּ. געמיינשאַפטן. וועגן עקסקורסיעס מיט קינדער.

### 13. פּראַקטישע פיזיק.

געשיכטלעכער איבערבליק איבער די הויפּטמעטאָדן פון נאַטורוויסנשאַפט בכלל און פיזיק בפרט. דער לאַבאָראַטאָרישער מעטאָד און זײַן באַדײַטונג. מעטאָדישע אָנווייזונגען צו דער פּראָגראַם פון פיזיק אין פאָלקסשול. דעמאָנסטראַטיווע ערקלערונגען וועגן עקספּערימענטן אין פאָלקסשול. אַרבעט אין דער לאַבאָראַטאָריע. או סמעסטונגען: מענזורקע, גלאָז מיט אַן אָפּגוס, וואָג, געוויכט, ריכטשנור. אויסמעסטונג פון אַ פאַרנעם. לופט און אירע אייגנשאַפטן (אומדורכדרינגלעכקייט, רוימלעכקייט, עלאַסטישקייט א. א.). אייגנשאַפטן פון צוזאַמענגעפּרעסטע לופט. די ווירקונג פון וואַרימקייט און קעלט אויף לופט. דער דרוק פון אַטמאָספער און זײַן גרייס. דער באַראָמעטער און זײַן אָנווענדונג. דער סיפאָן. דער דרוק פון וואַסער אויף די ווענטלעך פון אַ כלי, אין וועלכער זי געפינט זיך. דער דרוק פון וואַסער אויף אַ קערפּער, וועלכער איז אַראָפּגעלאָזן אין איר. אַרכימעדס געזעץ פון שווימען. פאַרשיידענע אופנים ווי צו דעמאָנסטרירן דעם געזעץ. די ווירקונג פון וואַרימקייט אויף פליסיקע און האַרטע קערפּערס. דער טערמאָמעטער און זײַן אָנווענדונג. דיסטילירונג. פילטרירונג פון וואַסער. צולאָזונגען פון פאַרשיידענע זאַלצן אין וואַסער בײַ פאַרשיידענע טעמפּעראַטורן. פאַרפרירונג פון וואַסער. דער צוזאַמענשטעל פון לופט. דאָס באַקומען זויערשטאָף. קוילנזויערגאַז און זײַנע אייגנשאַפטן.

די גאַנצע אויבנאָנגעוויזענע אַרבעט פון פיזיק איז דורכגעפירט געוואָרן אין אָנהייב פּראַקטיש דורך די קורסיסטן גופא אין לאַבאָראַטאָריע, שפּעטער האָט דער לעקטאָר נאָר דעמאָנסטרירט די עקספּערימענטן אויף די לעקציעס. די מכשירים זײַנען דערבײַ געווען אייַנפאַכע, אַליין געמאַכטע, כדי די קורסיסטן זײַענדיק צ. ב. אויף דער פּראָווינץ זאָלן קענען זיי אַליין מאַכן פון אייַנפאַכסטע מאַטעריאַלן.

## B. נאַטורוויסנשאַפט און מאַטעמאַטיק.

### 1. אנאַטאָמיע פון מענטשן.

דער בוי פון קעמערל און געוועבן. דער סקעלעט. די קאָפּ-ביינער. די מוסקולאַטור. נערוונסיסטעם. דעמאָנסטראַציעס פון אַנאַטאָמישע בילדער.

### 2. פיזיאָלאָגיע.

אַלגעמיינער ביאָלאָגישער טייל. דער כעמישער באַשטאַנד פון אָרגאַניזם. בלוט און בלוט-קרייזלויף. אַנאַטאָמיע און פיזיאָלאָגיע פון האַרצן. די בלוט-באַוועגונגען אין אַרטעריעס, ווענעס און קאַפּילאַרן-סיסטעם.

(דער קורס איז צוליבן אָפּפאָר פון לעקטאָר ניט פאַרענדיקט געוואָרן).

### 3. באָטאַניק.

דאָס קעמערל. די זוימען. דער וואָרצל. דער באָדן. דאָס בלאַט. דער שטאַם. די פאַרמערונג פון די פלאַנצן (געשלעכטלעכע און אומגעשלעכטלעכע). די פאַרשפּרייטונג פון די פרוכטן און זוימען. ספּאָרן-פלאַנצן. וואַסערפלאַנצן. אַ ריי באָטאַנישע עקסקורסיעס, אויף וועלכע די צוהערער האָבן זיך באַקענט מיט פאָרשטייער פון די ביימער און גראָזן-פאַמיליעס.

### 4. זאָאָלאָגיע.

(צוליב מאַנגל אין צייט איז דורכגעגאַנגען געוואָרן נאָר אַ קליינער טייל פון אָנגעמערקטן קורס).

### 5. כעמיע.

די אַלגעמיינע אייגנשאַפטן פון כעמישע ערשיינונגען און די גרונד-געזעצן פון כעמיע. גענויע באַקאַנטשאַפט מיט זויערשטאָף און וואַסערשטאָף. זייערע אייגנשאַפטן און זייער אָרט אין די פאַרשיידענע פּראָצעסן פון דער אָרגאַנישער נאַטור.

(צוליבן אָפּפאָר פון לעקטאָר איז דער קורס ניט פאַרענדיקט געוואָרן).

### 6. נאַטורוויסנשאַפט (אָפּט. פאַר נאַצ.—הומ. למודים).

דורכגעגאַנגען געוואָרן אַן עלעמענטאַרער קורס פון טויטער און לעבעדיקער נאַטור, ווי אויך אַנאַטאָמיע און פיזיאָלאָגיע פון מענטשן.

### 7. מאַטעמאַטיק (נאַצ.—הומ. אָפּטיילונג).

עלעמענטאַר-קורס פון אַריטמעטיק און פּראָפּעדעוטישער קאָנצענטער פון אַלגעברע (ביז די גלייכונגען פון דער 2-טער מדרגה).

## C. הומאַניסטיק.

### 1. יידישע ליטעראַטור (אָפּט. פאַר רעאַלע לימודים).

א) 1-טע גרופּע (העכערע).

די יידישע ליטעראַטור פאַר מענדעלען. גענויער אַנאַליז פון מענדעלעס הויפּט-ווערק. די יידישע ערציאונג. די אָפּגעריסנקייט פון ווירקלעכקייט און נאַטור. די באָדנלאָזיקייט פון די יידישע פּרנסות. דער ייד און די נאַטור. דער ייד און די ליבע. די יידישע מוסדות. די השכלה אַמאָל און די בילדונג איצטער. דער שטייגער שרייבן ביי מענדעלען.

שלום-עליכם. אַנאַליז פון זיינע ווערק. דורכגעפירט אַ פּאַראַלעל צווישן די צוויי יידישע קלאַסיקער: מענדעלע און שלום-עליכם.

י. ל. פּרץ. די עטאַפּן פון פּרצעס אַנטוויקלונג. די גרונד-אידעען און טענדענצן פון ערשטן פּעריאָד פון פּרצעס שאַפן. פרויען און ליבע ביי פּרצן חסידיש. די פאָלקסטימלעכע געשיכטן.

שלום אַש. דאָס שטעטל. זיינע דראַמען. יידישע ליריק: ש. פרוג, א. רייזען, ד. איינהאָרן, מ. ראָזנפעלד.

ב) צווייטע גרופּע

עלעמענטאַרער קורס. געלייענט און געשריבן לויט דער כרעסטאָמאַטיע „דאָס לעבעדיקע וואָרט". שפּעטער האָט דער לעקטאָר געפונען פאַר מעגלעך אַריבערצוגיין צום קורס פון יידישער ליטעראַטור און איר געשיכטע. די פאָלקס-לידער. די השכלה-ליטעראַטור (י. ל. גאָרדאָן, מיכל גאָרדאָן, א. מ. דיק, שמ"ר). אַנאַליז פון מענדעלעס ווערק. שלום-עליכם. י. ל. פּרץ. ש. פרוג.

### 2. יידישע ליטעראַטור (אָפּט. פאַר נאַצ.—הומ. לימודים).

וואָס איז אַזוינס נאַציאָנאַלע ליטעראַטור. די הויפּט-פּראָבלעמען פון דער נייער יידישער ליטעראַטור. די פאָרגענגער פון מענדעלען. מענדעלע מוכר-ספרים, זיין ביאָגראַפיע. מענדעלע אַלס משכיל, פובליציסט און קינסטלער. שלמה ר' חיימס—אַ שליסל צו מענדעלעס פּערזענלעכקייט און אַנטוויקלונג. די שיינקייט פון אַמאָליקן יידישן לעבן. מענדעלעס באַציאונג צום יידישן לעבן. די באַציאונג פון מענדעלען צום כלל און פּרט. שלום-עליכם. די גרונד-שטריכן פון פּרצעס שאַפן. די פּראָבלעם פון פּערזענלעכקייט. חסידיש. די פאָלקסטימלעכע געשיכטן. ש. אַש. די יידישע ליריק.





### 3. יידישע שפּראַכוויסנשאַפט (רעאַלע אָפּטיילונג פאַר דער 1-טער גרופּע אויף יידישער ליטעראַטור).

היסטאָרישער איבערבליק איבער דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך. יידיש אין געגנוואַרט. די גראַמאַטיק און אירע טיילן. די גערעדטע שפּראַך און די שריפטלעכע. די יידישע דיאַלעקטן. איניקע ידיעות פון דער פאָנעטיק אַלס גרונד צו דער אָרטאָגראַפיע. די פּרינציפּן פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע. די כללים פון דער יידישער פאָנעטיק. מאָרפאָלאָגיע און וואָרטבילדונג. פאַרקלענערונגס-ווערטער. דאָס געשלעכט בכלל און אין דער יידישער שפּראַך בפרט. בייגונגען פון הויפּטווערטער. ביי-ווערטער. צייטווערטער אין יידיש.

### 4. יידישע שפּראַכוויסנשאַפט (נאַצ.—הומ. אָפּט.).

די אַנטשטייאונג און עלטער פון דער יידישער שפּראַך. איר פאַרשפּרייטונג. די יידישע שפּראַך אין דער געגנוואַרט. די גראַמאַטיק און אירע טיילן. די גערעדטע שפּראַך און די שריפטלעכע. די ליטעראַטור-שפּראַך און די דיאַלעקטן. די פאָנעטיק און די פיזיאָלאָגיע פון די שפּראַך-קלאַנגען. דער יידישער וואָקאַליזם. דער יידישער קאָנסאָנאַנטיזם. די געשיכטע פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע. אירע הויפּט-פּרינציפּן און כללים. מאָרפאָלאָגיע און וואָרטבילדונג (לויט אַ ברייטערן קאָנצענטער ווי אויף דער רעאַלער אָפּטיילונג).

### 5. העברעאיש (עברית—אָפּט. פאַר רעאַלע לימודים).

א) 1-טע גרופּע - העכערע.

קריאה מבארת עפ"י הספר „פרוזדור לספרות". עבודות בכתב מהשירים והספורים הנמצאים ב„פרוזדור לספרות".

דקדוק: הוראת הבנינים. נטית שמות העצם. נטית הפעלים בכל הבנינים.

תנ"ך—פרקים נבחרים מתרי-עשר וישעיהו

ב) 2-טע גרופּע.

קריאה מבארת עפ"י הספר „עברית" ח ג. עבודות בכתב מהספורים והשירים הנמצאים בספר „עברית".

דקדוק: הוראת הפועל ובניניו. נטית בנין הקל בכל הגזרות.

ג) 3-טע גרופּע.

תרגילי קריאה וכתיבה מהספרים „המורה העברי" ח' א וב. ומ„פרקים ראשונים" ח' א. עבודות בכתב, תשובות עפ"י שאלות והרצאות קלות. תרגילי דקדוק. סמני המין. נטית השמות והפעלים.

### 6. העברעאישע ליטעראַטור (עברית — אָפּט. פאַר נאַצ.—הומ. למודים):

א) למוד הלשון.

הלשון. רבוי הלשונות. מדע הלשונות. התפרדות הלשונות לפי התפרדות חברות בני האדם. התערבות לשונות. חלוקת הלשונות לגזעים ומשפחות. הלשונות שבמשפחה השמית. קדמות הלשון העברית. הכתב. מדרגות הקולטורה שהולידה את הצורך לכתב. ציורי הדברים שבטבע. קצור הציורים לסמנים. סמנים לצרופי קולות. כתב הסינים. כתב היתדות. כתב החרטמים. הכתב האלפא-ביתי. מוצאו העברי. הכתב העברי המרובע. התאמת האותיות של הכתב העברי לקולות הדבור שבלשון. התנועות והנקודות. הקריאה הספרדית. הקריאה האשכנזית. חלוקת התנועות. אמת הקריאה שוא. שוא בסוף התבה

ב) ספרות עברית.

1) ספרות עברית העתיקה.

התלמוד. צמיחתו והתפתחותו. תורה שבעל פה ותורה שבכתב. עזרא וסיעתו ואנשי כנסת הגדולה. הצדוקים והפרושים. המדות שהתורה נדרשת בהן. בית שמאי ובית הלל. תקופת יבנה. חתימת המשנה. קבוץ המשנה. חלוקת המשנה לסדורים. מסכתות ופרקים. שפת המשנה. יסודות המשנה. דוגמאות מגוף התלמוד עפ"י אוצר ספרות ישראל של הד"ר ברוך.

2) ספרות עברית החדשה.

סקירה כללית על מהלך התפתחותה של ספרותנו. תקופת המאספים. ההשכלה הברלינית. הפסיבדוקלאַסיות בספרותנו. נפתלי צבי הירץ ויזל. התחיה בגליציה—חכמת ישראל: שי"ר, רנ"ק ושד"ל. הסטוריה העברית — ד"ר יצחק ערטער. צמיחת ההשכלה ברוסיה—ריב"ל, מא"ג ואד"ם הכהן. התקופה הרומנטית—מיכ"ל ומאפו. התקופה הריאַליסטית —יל"ג. תקופת ה„שחר" פרץ בן משה סמולנסקין. הספרות העברית בשנות השמונים—הסינטיזה האורתודוקסית—ראובן אשר ברודס „שתי הקצוות". השירה הלאומית הצעירה — המציר מאַנה, ק. א. שפירא ודוליצקי. מנדלי מו"ס—נתוח יצירתיו ותמונתו הרוחנית. ליליענבלום. הזרמים בספרות הצעירה. הזרם הריאַליסתי—ברשדסקי. משורר האינטליגנציה שלנו בשנות התשעים—פייערבערג. השירה המודרנית—יעקב כהן.

3) קורס אפיזודי של תורת הספרות.

חלקי האגדה והתפתחותה. האגדה הקוסמוגונית, האפית, המוסרית, הלאומית,

העממית והאמנותית. דוגמאות מספר האגדה של ביאַליק ורבניצקי. צורות האגדה האמנותית אצל יעבץ, ק. א. שפירא, ד. פרישמאַן, י. ל. פרץ, כהן וברדיצבסקי. האפוס העתיק בספרותנו החדשה. מתי מדבר של ביאַליק. האפוס ההסתורי ודגמאותיו. צדקיהו בבית הפקודות. בין שני אריות. ברוך ממגנצה בהגבלה עם משא נמירוב.

שיוות ספרותיות על ספרות ההשכלה והספרות החדשה.

ג) מתודיקה של הלשון העברית.

שיטת התרגום והטבעית. השיטה המערבית ורבליז:וס וסגול שפה באופן טבעי. התנאים הנחוצים להצלחת הלמוד עפ״י השיטה הטבעית. הקריאה בת:ר כרוצס פסיכולוגי. השיטה הקולית (האנליטית-סינטיתית). השיטה האמריקאית. למוד הקריאה עפ״י מונטוסורי. הפוניטיקה העברית. הדרישות לאלפונים. תכנית של שעות בלמוד הקריאה. הקריאה המבארת ומטרותיה. השיחה הקודמת והבאור הפילולוגי. הנתוח ההגיוני ועריכת התכנית. עריכת ההרצאה בקצרה ובאריכות. סדור החמר לקריאה. הפרינציפ העמלני. דרכים חדשים במיתודיקה של הקריאה המבארת. דקדוק שפ״ע; המטרה והאמצעים. עבודות בכתב בביה״ס העממי. ראשית הספרות, הקריאה העצמית של המתלמדים. התכנית הכללית של הלמודים העבריים בביה״ס.

מפני חסר זמן לא יכלו לסדר הרצאות על ספרי-למוד שלנו ועל ספרותנו לילדים.

7. תנ״ך (ביבל-קריטיק).

א) תנ״ך—אבן הפנה של ההוראה העברית. מעלותיו הפדגוגיות. הפרו-בלימות הקשות בלמוד זה. גיאוגרפיה של א״י בתקופת התנ״ך. העולם העתיק. ספורי המקרא או המקור. הגרעינים ההיסטוריים שבאגדות. חרקטיריסטיקות של גבורי האפוס העברי. תאורי החיים העתיקים. התכנית הכללית של למוד התנ״ך בביה״ס העממי.

ב) ראשונים. מבוא לחמשת חמשי התורה. מושגים יסודיים של מדע ההקירה בכתבי הקדש. ספר בראשית. תוכן הספר ואופן הרצאתו. הפרקים א—לב. לקוטים מהפרקים לז—מט. מבוא לספר שמות. חמר הספר. החלק הספורי והחקי. ספר הברית. המשפט הקרימינלי והאזרח בספר הברית. מעשי המשכן. מעשי העגל. קטעים מהפרקים האחרונים מספר שמות.

ג) אחרונים. שלש המדרגות שבנבואה והתפתחותה בישראל ויהודה. הנביא, החברה והממלכה. דברי ההטכ[illegible] והנבואה שבספר ירמיהו, בהגבלה עם סגנון יתר הנביאים*).

8) יידישע געשיכטע (אָפּט. פאַר רעאַלע לימודים).

אַריינפיר. די הויפּט-מקורים. די געאָגראַפיע פון ארץ-ישראל. די ווירק:נג פון אַרומיקע פעלקער אויפן לעבן פון כנען. די פּאַטריאַרכאַלע אוראַלטע משפחה-די בני ישראל אין מצרים. די וואַנדערונג אין מדבר. די איינגעמונג פון כנען. די שופטים-צייט. דער אינערלעכער קאַמף צווישן די שופטים. די שטרעבונגען צו העגעמאָניע. די ווירקונג פון דער כנענישער קולטור אויף די בני ישראל. דער אָנפאַנג פין דער מלוכה. די תקופה פון דוד און שלמה. די צעשפּאַלטו:ג פון דער מלוכה. עמרי און זיין הויז. אחאב און איזבל. די איבערקערעניש פון יהוא. די נביאים אחרונים. עמוס. דער אונטערגאַנג פון מלכות ישראל. די ווירקונג פון דער קאַטאַסטראָפע אויף יהודה. אחז און יחזקיהו. ישעיהו הנביא. די רעפאָרם פון מלך יהושיהו. די אַלגעמיינע לאַגע פון אַלטן מזרח ערב דעם חורבן יהודה. הורבן יהודה. ירמיהו הנביא. יחזקאל הנביא. די באַציאונג פון דער פּערסישער מלוכה צו די יידן. די ערשטע רעסטאַווראַציע. זרובבל און יהושע. חגי און זכריה. די רעסטאַווראַציע פון א נייעם יידישן צענטער אין פּאַלעסטינע. חגי און זכריה. דער אַנאַליז און אינהאַלט פון תנ״ך בכלל און חומש בפרט. פּערסיזם. אַלכסנדר מוקדון. די תלמיים און סעלייקידן. דער העלעניזם. דער קאַמף צווישן די העלעניסטן און חסידים. די עפּאָכע פון דער טעאָקראַטיע. שמעון הצדיק. יהושע בן סירא. די וויכטיקסטע מאָמענטן פון קאַמף פון די חשמונאים. די סעקטעס ביי די יידן. צדוקים, פרושים און אסיים. דער סנהדרין. די ווירקונג פון די רוימער אין דער עפּאָכע פון הורדוסן. די אַנטשטייאונג פון קריסטנטום. דער אַנאַליז פון ברית החדשה אַלס היסטאָרישן מקור פון קריסטנטום. קריסטנטום און פּאַוליניזם. די רדיפות פון אדריאַנוס אין טראַיאַנס צייטן. רבי עקיבא און בר-כוכבא. די אַנטשטייאונג פון תלמוד. משנה און יהודה הנשיא. דער נייער צענטער אין בבל. דער איסלאַם און זיין ווירקונג אויף די יידן. דער עקזילאַרכאַט. די קראים. סעדיה גאון. אמנות ודעות. חסדאי אבן שפרוט. די גאָלדענע תקופה אין שפּאַניע. שמואל הנגיד. ר׳ יהודה הלוי און רמב״ם. רש״י. רבינו גרשום. די נוסעי הצלב און די איבערוואַנדערונג אין פּוילן. די יידן אין פּוילן און ליטע. די פּריווילעגיע פון באָלעסלאַוו דעם פרומען. די שפּאַנישע תקופה ביז נאָך גזרת ת״ח.

*) בנוגע דעם לימוד פון תנ״ך אויף דער נאַצ.—הומ. אָפּט. איז אינטע-רעסאַנט אָנצווייזן אויף דער אויפרעגונג, וואָס ס׳האָט אַרויסגערופן צווישן אונ-זער היימישער אָרטאָדאָקסיע. זיי האָבן קעגן דעם אַריינגעשיקט אין געגנט-קאָמ-[illegible] אַ פּראָטעסט, וועלכן מיר גיבן דאָ שפּעטער איבער בוכשטעבלעך.



9) יידישע געשיכטע—היסתוריה עברית (אָפּטיילונג פאַר נאַצ.-הומ. לימודים).

מבוא. המקורות לתולדות עם ישראל ועמי הקדם. טבע ארץ-ישראל ומצנה. היחוסים ההדדיים שבין ארץ-ישראל, בבל, מצרים. האתנוגרפיה של א״י. ההסתוריה הקדומה של א״י. ספורי התורה על האבות. מצרים וכנען. בני ישראל במצרים. משה רבנו. יציאת מצרים. מתן התורה. יהושע מכניס את בני ישראל אל ארץ כנען. תקופת השופטים. המשכן בשילה. שמואל. שמואל ושאול. תקופת דוד. תקופת שלמה. התחלקות הממלכה וסבותיה. מלכות ישראל. מלכות יהודה. ירבעם והמלכים שמלכו אחריו. ירבעם השני ונביאי תקופתו. עמוס. ימי המבוכה בארץ שומרון. הנביא הושע. יהודה בימי המלכים עזיהו, יותם ואחז. הצורה הספרותית של השאלה הסוציאַלית ביהודה. האידיאַלים החברתיים של ישעיהו. מפלת שומרון. מיכה המורשתי. חזקיהו. מצבה הפוליטי של יהודה בשנת 719. חזקיהו. יהודה ומצרים. מנשה. הריאַקציה הדתית והמסרית (הרדיפות על הנביאים). הסבות המדיניות והפסיכולוגיות של נסיגה-לאחור זו (אמון). המצב המדיני בקדמת אסיה ומצרים. עלית הסקתים וקץ ממלכת אשור. הנביאים נחום וצפניה. יאשיהו והרפור-מציה ביהודה. חרבן בית המקדש. סקירה כללית על גלות בבל. שיבת ציון והתבססותה של הרספובליקה ביהודה תחת שלטון הפרסים. תקופת עזרא ונחמיה עד אַלכסנדר מוקדון. השקפה על שלשת הספרים: תהילים, משלי, איוב. השקפה על מלחמת היהדות והיונות בא״י ובאלכסנדריה. המפלגות בא״י בימי החשמונאים. הרעיון המשיחי בישראל בתור יסוד לאמונה הנוצרית. הספרות העברית בתקופת החשמונאים בא״י ובאלכסנדריה של מצרים. אריסטבול פילון. הנצרות בימי השליחים והתפשטותה בעולם הגויים. חרבן הבית ומלחמת היהודים. מצבה המדיני של יהודה אחרי חרבן הבית השני. רבי יוחנן בן זכאי והמרכז הרוחני בכרם יבנה. רבן גמליאל השני והסנהדרין. ערכו של רבן גמליאל והתפתחות התורה שבעל פה. דורות התנאים הראשונים. המינים. הגורמים הלאומיים בתקופת יבנה. חתימת כתבי הקדש. תרגום אונקלס. חיי היהודים בגולה. פולמוס טרינוס. פולמוס אדרינוס. מרד בר-כוכבא. חרבן בתר. תורת התנאים האחרונים. אמוראי בבל. רב ושמואל. הד:ר השני לאמוראי בבל. הדור השלישי לאמוראים. סדור התלמוד וחתימתו. תקופת הגאונים. הקראות. מהות התלמוד. וערכו בתולדות היהדות. השפעת היהרות על צמיחת האסלם. היהודים תחת שלטון הערביים. היהודים בימי הבינים באירופה. (גרמניה, פרנציה וספרד). תקופת ספרד (סקירה כללית). האינקביזיציה וגרוש ספרד. מרכז התרבות היהודית בהולנדיה.

10. אַלגעמיינע געשיכטע.

א) גריכנלאַנד. געאָגראַפישע לאַגע. קלימאַט. באָדן. נאַטירלעכע אוצרות. רעליגיעזע פאָרשטעלונגען. ליטעראַטור פון דער עלטסטער תקופה. איליאַדע און אָדיסעיע, די געשיכטע פון דער אַטענישער דעמאָקראַטיע. (די עוואָלוציע פון די דעמאָקראַטישע פאָרמען). די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע סטרוקטור. פון דער אַטענישער מלוכה. פּעריקל-צייט. די ליטעראַטור פון V-טן יאָרהונדערט דער אַנאַליז פון די ווערק פון עסכיל און סאָפאָקל. דער קאַמף צווישן די אַרי-סטאָקראַטישע און דעמאָקראַטישע רעפּובליקן. העלעניזם.

ב) רוים. איטאַליע (געאָגראַפישע לאַגע, קלימאַט, באָדן א. אַז. וו.) די געשיכטע פון דער אַנטשטייאונג פון דער שטאָט. רוים—שטאָט-מלוכה. רוים—לאַנד-מלוכה. די איטאַליענישע מלחמות און די פאַרוואַנדלונג פון רוים אין א וועלט-מלוכה. אַנאַליז פון דער עוואָלוציע פון די פּאָליטישע פאָרמען. רוים—אַ מאָנאַרכיע. די פאַרוואַנדלונג אין א רעפּובליק. דער קאַמף צווישן די פּאַטריציער און פּלעבעיער. די אַנטשטייאונג פון דעם סאָציאַלן קאַמף. דער כאַראַקטער. די צעפּטישאָטן. די אַריסטאָקראַטן. די קעמפער פאַר די אינטערעסן פון דעם רוימישן פּראָלעטאַריאַט. יוליוס צעזאַר. אָקטאַוויאַן אַווגוסט. דער אונטערגאַנג פון דער רעפּובליק. דער פּרינציפּאַט. די אימפּעריע. די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע אָרדענונג אין דער צייט פון דער אימפּעריע. די רוימישע אימפּעראַטאָרן. די גאָלדענע צייט פון דער אימפּעריע (די צייט פון די פילאָסאָפן). דער דראַנג פון די גערמאַנישע פעלקער. דער אונטערגאַנג פון רוים. אויבערבליק איבער דער רוימישער ליטעראַטור.

ג) מיטלעלטער. אַריינפיר. די הויפּט-מקורים פאַר דער קולטור פון מיטל-עלטער. די פאַרברייטערונג פון דער היסטאָרישער אַרענע. די פּאַרטיילונג פון מיטלעלטער אין תקופות. די אונטערגאַנגס-תקופה פון דער רוימישער אימפּעריע. דער רעליגיעזער סינקרעטיזם. די פאַרשפּרייטונג פון קריסטנטום. די פּאַטריסטיק. די אויסטיילונג פון דער פּריסטערשאַפט. די אַנטשטייאונג פון די קלויסטערס און נזירות-באַוועגונג. דער אַסקעטיזם. דער ניי-פּלאַטאָניזם און זיין השפעה אויף דער קולטור פון מיטלעלטער. די גערמאַנער. די פעלקער-וואַנדערונג אין IV און V-טן יאָרהונדערט. די גערמאַנישע מלוכות אויפן באָדן פון דער רוי:ישער אימפּעריע. דער אונטערגאַנג פון דער מערב-אימפּעריע. די פראַנקען. אינערלעכער בוי פון דער מלוכה. די קעגנזייטיקע השפעה פון די רוימישע און גערמאַנישע עלעמענטן. די אַנגלאָסאַקסישע מלוכות און זייער אייגנאַרטיקער כאַראַקטער. בי-זאַנץ. באַשטאַנד. באַפעלקערונג און סאָציאַלער בוי. די סלאַווישע השפעה. יוסטיאַן דער גרויסער און די צוריקשטעלונג פון דער אימפּעריע. דער Corpus iuris און זיין באַדייטונג. פּאַדעראַציע אין VI-טן י״ה. ערב. דאָס לאַנד און די באַפעל-

קערונג. די אינערלעכע פאַרהעלטעניסן אין מעקאַ. די ערשיינונג פון מחמד. די ערשטע פּראָפּאַגאַנדע אין מעקאַ. יאָר 622. די מאָנאַרכיע פון קאַרל דעם גרויסן. דער פעאָדאַליזם. דער קאַמף צווישן דער פּויפּסישער און אימפּערישער מאַכט.

### 11. פּויליש.

די הויפּט-פּרינציפּן פון דער פּוילישער אויסשפּראַך. לייענען און שרייבן לייכטע ערציילונגען און איבערגעבן זיי מונדלעך און שריפטלעך. גראַמאַטיק: עלעמענטאַרער קורס. אָרטאָגראַפישע אַרבעטן.

## D. טעכנישע לימודים.

### 1. צייכענען (אַלע 3 גרופּן).

צייכענען פון פרייען לאַנדשאַפט. עלעמענטאַרע פּערספּעקטיוו-איבונגען. פונאַנדערטיילונג פון לאַנדשאַפט. צייכענונגען פון דער נאַטור פויגלען, חיות און הויז-מכשירים. סכעמאַטישע איבונגען פון אַלץ, וואָס מיר באַגעגענען אין דער נאַטור: חיות, פויגלען, פישן א. אַ. וו. און זייערע באַוועגונגען. די קאָנסטרוקציע פון מענטשנס קערפּער און זיינע באַוועגונגען.

### 2. מאָדעלירן.

טעכנישע ערקלערונגען וועגן מאַטעריאַל. מאָדעלירט (פון ליים) פאַרשייענע געגנשטאַנדן.

### 3. האַנטאַרבעט.

אַלגעמיינער איבערבליק וועגן אָרט פון האַנטאַרבעט אין שול. אַלערליי איבונגען אין: 1) קנייטשונגען פון דינע און דיקע פּאַפּיר, 2) אויסשניידונג פון פּאַפּיר, 3) פלעכטונגען פון דיקע פּאַפּיר און סטרוזשקעס, 4) קינסטלעכע אויסאַרבעטונג פון פּאַפּיר, 5) אילוסטראַציעס צו מעשהלעך, 6) פלעכטונגען פון שטריקלעך, 7) אויסזעגעריי פון האָלץ.

ביי יעדן מין אַרבעט פלעגט אָנגעוויזן ווערן די טעאָרעטישע באַדייטונג פון דער אַרבעט און ס'פלעגט געגעבן ווערן מעטאָדישע אָנווייזונגען ווי דורכצופירן די אַרבעט מיט די קינדער.

(צוליב מאַנגל אין צייט האָט מען ניט באַוויזן דורכצוגיין פאָלגנדיקע מינים אַרבעט: 1) אויסאַרבעטונגען פון אָפּפאַל-מאַטעריאַל. 2) קאַרטאָנאַזש. 3) איינבינדעריי).

### 4. גימנאַסטיק.

ס'זיינען דורכגעמאַכט געוואָרן: 1) אַלע נייטיקע מינים פון די אָרדנונגס-איבונגען, 2) אַלע עלעמענטן פון די פרייע איבונגען און לייכטע קאָמבינאַציעס פון די עלעמענטן, 3) די נייטיקסטע מאַרשן און עלעמענטאַרער לויפן, 4) עלעמענטן פון שפּרונג (מענער-גרופּע), 5) צוגרייטונגס-איבונגען מיט שטעקעלעך (פרויען-גרופּע), 6) די לייכטסטע מינים פון אָטעמונגס-איבונגען, 7) איינפאַכע (אינדיווידועלע) און פּאַרטייאישע שפּילן — 28.

דערביי פלעגט יעדער מין איבונגען און יעדע איבונג באַזונדער דעמאָנסטרירט און ערקלערט ווערן פון דער טעכנישער זייט דורכן לעקטאָר און נאָכדעם ערלערנט דורכן צוהערער. ס'פלעגט אויפגעקלערט ווערן די פיזיאָלאָגישע און היגיענישע באַדייטונג פון דער דורכגעמאַכטער איבונג, דער אָרט פון דער איבונג און סדר פון אַ נאָרמאַלער לעקציע פון דער פּעדאַגאָגישער גימנאַסטיק אין שול. אויסערדעם פלעגט אויף יעדער לעקציע דורכגעגאַנגען ווערן איינע, צוויי באַוועגלעכע שפּילן מיט די נייטיקע ערקלערונגען.

### 5. געזאַנג.

קינסטלערישע און פאָלקסטימלעכע לידער מיטן ציל אויסצובילדן דעם קינסטלערישן געשמאַק פון די צוהערער און צו געבן אַ באַוואוסטן סכום לידער צוגעפּאַסט פאַר שול-קינדער. באַקאַנטשאַפט מיט נאָטן.

### קאָנצערטינע-שפּילן.

אַ גרופּע צוהערער (10 מאַן), וועלכע האָבן זיך געוואָלט ספּעציאַליזירן אַלס לערער פון געזאַנג, האָבן זיך געלערנט שפּילן אויף אַן ענגלישער קאָנצערטינע, דער אינסטרומענט, וועלכער פאַרלייכטערט זייער די אַרבעט פון געזאַנג-לערער אין שול און גיט די מעגלעכקייט מיט ערפאָלג צו פירן דעם למוד. אַ ריי איבונגען.

## דער פּראָטעסט פון די רבנים.

### מעלדונג.

מיר, מיטגלידער פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“, באַקענענדיק זיך מיט דעם מאַטעריאַל פון די קאָנספּעקטן פון די לעקטאָרן ביי די פּעדאַגאָגישע קורסן, וועלכע זיינען געשאַפן געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ“, צוזאַמען מיט דער ווילנער קהילה, אין וועלכע עס ווערט געלערנט ביבל-קריטיק אויפן שאַרפסטן און גראָבסטן



אופן, געפינען מיר פאַר אונזער חוב אַרויסצוזאָגן דעריבער דעם געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ פאָלגנדעס:

ביי דער אויסוויילונג און גרינדונג פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“, איז דער לעצטער באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ אומפּאַרטייאישער פּאַרטיילונגס-קאָמיטעט, אַלס אַ נייטראַלע אינסטיטוציע, וועלכע פירט אָן מיט דער פּאַרטיילונגס-אַקציע און אין וועלכן עס קענען זיך פאַראייניקן אַלע ריכטונגען. די קולטור-פראַגע, ווי שאַפן שולן, ביבליאָטעקן א. א. וו. איז איבערגעגעבן געוואָרן דער קאָמפּעטענץ פון די אָרטיקע קהילות גופא.

מיט דער שאַפונג און אָנפירונג פון די פּעדאַגאָגישע קורסן אין גייסט פון פרייזינונג, אָפּוואַרפנדיק די עיקרי-היהדות און אַלעס, וואָס ביי אונז איז הייליק, האָט זיך „יעקאָפּאָ“ געשטעלט אַלס פאַרטרעטער פון דער אַטעאיסטישער ריכטונג, ניט רעכענענדיק זיך מיט דער מערהייט פון פּראָווינץ, וואָס איז נאָך אויך איצט רעליגיעז געשטימט און מיט אַ גרויסן טייל חברים פון געגנט-קאָמיטעט.

שטיצנדיק זיך אויף דעם גרויסן טייל פון דער פּראָווינץ, וועלכן מיר רעפּרעזענטירן אין געגנט-קאָמיטעט, פּראָטעסטירן מיר אויפן שאַרפסטן אופן קעגן דער אויפפירונג פון „יעקאָפּאָ“, וועלכע פאַרוואַנדלט דעם פּאַרטיילונגס-קאָמיטעט אין רעפאָרמאַטאָרישע אינסטיטוציעס, כדי אויסצולעשן דעם לעצטן פונק יידישקייט פון ליטווישן יידנטום.

מיר פאָדערן תיכף אויסצושליסן די ביבל-קריטיק פון די פּעדאַגאָגישע קורסן. מיר פאָדערן אויך, אַז די אָנפירונג פון דער דערציאונג אין די בתי-היתומים א. ד. גל. זאָל ניט זיין איינזייטיק, עס זאָלן דאָרטן זיין פאַרטראָטן אַלע ריכטונגען אויף פּאַריטעטע יסודות, ווייל די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די מעשים פון געגנט-קאָמיטעט טראָגן אַלע חברים גלייך און מיר, פאָרשטייער פון דער אָרטאָדאָקסיע, קענען אַזעלכע מעשים ניט דולדן און זעלבסטפאַרשטענדלעך קיינע אחריות ניט טראָגן.

ווילנע, ה' אדר תר"פ.

אונטערגעשריבן:

חיים-עוזר גראָדזענסקי, יעקב טאָוושענסקי, מאיר אַבאָוויטש, משה שאַצקעס, ישראל מאָוושאָוויטש, צבי ענטין, (ניט לעזבאַר), יוסף רודניק.

## פּראַקטיק אין די שולן.

נאָך אַ לענגערער טעאָרעטישער צוגרייטונג זיינען די צוהערער צום אָנהייב פון 2-טן לערניאָר צוגעטראָטן צו פּראַקטישער אַרבעט אין די שולן. די קורסיסטן זיינען פאַרטיילט געוואָרן אין גרופּן צו 10—6 מענטשן אין אַ גרופּע און זיינען פונאַנדערגעשיקט געוואָרן אין אַ ריי שולן, וואו זיי פלעגן באַזוכן לעקציעס פון ערפאַרענע לערער. נאָך אַ געוויסער צייט פּראַקטיק (אַן ערך 2—3 חדשים) פלעגן זיי אָפּגעבן פּראָבע-לעקציעס. צו פּראַקטישע אַרבעט זיינען די צוהערער פאַרטיילט געוואָרן אין פאָלגנדיקע שולן: יידישע רעאַל-גימנאַזיע, יינגל-שול „מפיצי-השכלה“, מיידל-שול „ש. פרוג“, פאָלקסשול „ד. קופּערשטיין“, פ"ש „י. ל. פּרץ“, פ"ש „לייזער גורוויטש“, גמנסיה עברית, בית ספר עממי ע"ש הד"ר עפּשטיין, בית ספר עממי „צעירי-ציון“, שטאָטישע תלמוד-תורה. אַדאַנק דער פאַרטיילונג פון די צוהערער אין פאַרשיידענע שולן, האָבן זיי באַקומען די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט די פאַרשיידענע אונטעררי‌כטס-פאָרמען, וועלכע ווערן אָנגעווענדט אין די מאָדערנע שולן. די פּראַקטיק אין די שולן האָבן געמוזט דורכמאַכן אַלע קורסיסטן, אויסער די צוהערער, וועלכע זיינען שוין געווען לערער אין די שולן. די אינסטרואירונג פון די קורסיסטן אין יעדער שול איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ ספּעציעלן אָנפירער, אַממייסטן אין די הענט פון פאַרוואַלטער פון שול. די אַלגעמיינע אָנפירונג מיט דער פּראַקטיק האָט געהאַט דער פאַרוואַלטער פון די קורסן. די הויפּט-אויפמערקזאַמקייט פון דער פּראַקטיק איז געלייגט געוואָרן אויף די יינגערע קלאַסן. בס"ה זיינען געגעבן געוואָרן דורך די קורסיסטן בערך 60 פּראָבע-לעקציעס אויף יידיש, העברעאיש, חשבון, פּראָפּעדעווטישע געאָמעטריע און נאַטורוויסנשאַפט.

פון צייט צו צייט פלעגן אויך פאָרקומען פּעדאַגאָגישע שמועסן מיטן אָנטייל פון אייניקע לעקטאָרן, אויף וועלכע ס'פלעגן אָפּגעגעבן ווערן באַריכטן פון די שולן, באַריכטן פון פּראָבע-לעקציעס און ס'פלעגן באַהאַנדלט ווערן פאַרשיידענע פּעדאַגאָגישע פראַגן.

## די אַרויסלאָז-פאַררעכענונגען.

דעם 31-טן מאַי 1921 יאָר האָבן זיך אויף די פּעדאַגאָגישע קורסן פאַרענדיקט די אַרויסלאָז-פאַררעכענונגען, וועלכע זיינען דורכגעפירט געוואָרן אויף פּעדאַגאָגיק, יידישער געשיכטע, יידישער און העברעאישער ליטעראַטור (דאָס לעצטע אויף דער נאַצ. אָפּט.). אַלס טעמען פאַר די פאַררעכענונגען אויף פּעדאַגאָגיק האָבן געדינט פאָלגנדיקע טעמען (יעדער צוהערער האָט פרייוויליק אויסגעקליבן איינע פון דידאָזיקע טעמען):

1) כאַראַקטעריסטיק פון קינדער לויט די טעסטן פון בינע, 2) מיין פּעדאַגאָגישע טעטיקייט אין דער געזעלשאַפט און אין דער שול ביים צוטרעטן אַלס

לערער אין א קליין שטעטל, 3) א נאָרמאַלער לערנפּלאַן פון א 4-קלאַסיקער פאָלקסשול, מאָטיווירט פון פּעדאַגאָגישן און פּראַקטישן שטאַנדפּונקט, 4) די ספּעציפישע דערציערישע ווירקונג פון פאַרשיידענע גרופּן למודים, 5) די באַגרינדונג פון אַרבעט אַלס מעטאָדישער פּרינציפּ אין שול, 6) די מעגלעכע נעגאַטיווע ווירקונגען ביי דער אָנווענדונג פון דעם אָנשויאונגס-מעטאָד; אויף וואָס פאַר אַן אופן קען מען זיי באַזייטיקן, 7) וועגן דעם אָרט פון פּראָפּעדעווטישער געאָמעטריע אין פאָלקסשול, 8) די באַלויכטונג פון ברוכצאָלן אין פאַרשיידענע מאָמענטן פון קורס פון אַריטמעטיק.

אַלס טעמען אויף יידישער ליטעראַטור האָבן געדינט פאָלגנדיקע:

1) די עוואָלוציע פון מענדעלעס באַציאונג צום כלל און פּרט, 2) דאָס יידישע שטעטל לויט מענדעלע, פּרץ און ש. אַש, 3) די יידישע פרויען ביי י. ל. פּרץ, 4) טוביהס עקשנות און נאָכגיביקייט, 5) פּרצעס פאָלקסטימלעכע געשיכטן. אויף העברעאישער ליטעראַטור האָבן די צוהערער פון דער נאַצ. אָפּט. געשריבן א. ד. ט.: „המוטבים העקריים בשרתו של יעקב כהן“. אויף יידישער געשיכטע זיינען די פאַררעכענונגען געווען מונדלעך

## דער באַשטאַנד פון די צוהערער, וועלכע האָבן געענדיקט די פּעדאַגאָגישע קורסן.

בס״ה האָבן פאַרענדיקט די קורסן 75 צוהערער, וועלכע האָבן באַקומען לערער-אַטעסטאַטן. דעם באַשטאַנד פון די צוהערער לויט די אָפּטיילונגען, עלטער און בילדונגס-צענז איז צו זען פון פאָלגנדיקער טאַבעלע:

| אָפּטיילונג | מענער | פרויען | ס״ה | עלטער: 18—25 י׳ | עלטער: 26—31 י׳ | בילדונגס-צענז: 8 קלאַסן | בילדונגס-צענז: 7 קלאַסן | בילדונגס-צענז: 6 קלאַסן | בילדונגס-צענז: פון 4 קלאַסן אין אומפאַנגג הויז-בילדונג | פון שטאָט | פון פּראָווינץ |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| רעאַלע | 13 | 45 | 58 | 47 | 11 | 30 | 13 | 4 | 11 | 47 | 10 |
| נאַצ.—הומ. | 9 | 8 | 17 | 15 | 2 | 2 | 1 | 1 | 13 | 7 | 11 |
| בס״ה | 22 | 53 | 75 | 62 | 13 | 32 | 14 | 5 | 24 | 54 | 21 |

## מוסטער פון אַטעסטאַט.

2-יאָריקע יידישע פּעדאַגאָגישע קורסן אין ווילנע ביי דער קהילה און געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“.

### אַ ט ע ס ט אַ ט.

דערמיט ווערט באַשטעטיקט, אַז ד . . . . צוהערער . . . . . . . . . האָט געענדיקט די 2-יאָריקע יידישע פּעדאַגאָגישע קורסן אויף דער אָפּטיילונג פאַר רעאַלע למודים, האָט באַקומען די נייטיקע ידיעות אין

1. פּעדאַגאָגיק { טעאָרעטישער קורס / פּראַקטיק אין די שולן
2. פּסיכאָלאָגיע—אַלגעמיינע און קינדער-פּסיכאָלאָגיע
3. דידאַקטיק
4. מעטאָדיק פון יידיש
5. קינדער-ליטעראַטור
6. מעטאָדיק פון אַריטמעטיק
7. פּראָפּעדעווטישע געאָמעטריע
8. מעטאָדיק פון נאַטורוויסנשאַפט
9. פּראַקטישער קורס פון פּראָפּעדעווטישער פיזיק און כעמיע
10. היגיענע—אַלגעמיינע און שול-היגיענע
11. אַנאַטאָמיע און פיזיאָלאָגיע פון מענטשן
12. באָטאַניק
13. יידישע ליטעראַטור
14. יידישע געשיכטע
15. העברעאיש
16. צייכענען און קלעפּן
17. האַנטאַרבעט
18. גימנאַסטיק און באַוועגונגס-שפּילן
19. געזאַנג

האָט אויסגעפירט אַלע געפאָדערטע פון אי... אַרבעט און האָט ז; באַטייליקט אין א ריי נאַטורוויסנשאַפטלעכע און טעכנאָלאָגישע עקסקורסיעס.

אויף דעם סמך האָט דער לעקטאָרן-ראַט פון די קורסן אויף דער זיצונג פון . . . . . . 1921 באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דעם קורסיסט . . . . . . . . . . דעם אַטעסטאַט, וועלכער גיט אי . . . דאָס רעכט, צו זיין א לערער . . . אין א יידישער פאָלקסשול.

פאַרוואַלטער פון די פּעדאַגאָגישע קורסן

לעקטאָרן

מיטגלידער פון פאַרוואַלטונג פון די פּעדאַגאָגישע קורסן

סעקרעטאַר:

ווילנע, דעם . . . . יוני 1921 ( . . . . סיון תרפ״א).

די צוהערער פון דער נאַציאָנאַל-הומאַניטאַרער אָפּטיילונג האָבן באַקומען אַטעסטאַטן פון זעלבן טעקסט מיט פאָלגנדיקע שנויים: אָנשטאָט די ווערטער „אויף דער אָפּט. פאַר רעאַלע למודים“ די ווערטער: „אויף דער אָפּט. פאַר נאַצ.—הומ. למודים“. אָנשטאָט די למודים פון נומ׳ 4 ביז 16 פאָלגנדיקע למודים: „4) היגיענע אַלג. און שול-היגיענע, 5) העברעאישע ליטעראַטור און שפּראַך, 6) מעטאָדיק פון העברעאיש, 7) מעטאָדיק פון תנ״ך און ביבל-קריטיק, 8) יידישע ליטעראַטור און שפּראַך, 9) מעטאָדיק פון יידיש, 10) קינדער-ליטעראַטור, 11) יידישע געשיכטע, 12) אַלגעמיינע געשיכטע, 13) נאַטורוויסנשאַפט, 14) געאָגראַפיע, 15) אַריטמעטיק און פּראָפּעדעווטישער קאָנצענטער פון אַלגעבּרע“. אָנשטאָט די ווערטער „אין א ריי נאַטורוויסנש. און טעכנאָל. עקסקורסיעס“— „אין א ריי עקסקורסיעס“.

די קורסיסטן פון דער רעאַלער אָפּט. האָבן באַקומען די אַטעסטאַטן אין יידיש, פון דער נאַצ. אָפּט. האָבן באַקומען די אַטעסטאַטן אין 2 עקזעמפּלאַרן: אין יידיש און העברעאיש.

ל. ברודנאָ.

# דער ווילנער יידישער דאָקטוירים=פאַראיין.

אין די 80-קער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט איז די לאַגע פון די יידישע דאָקטוירים אין ווילנע געווען אַ גאַנץ טרויעריקע. די מערהייט דאָקטוירים זיינען געווען ניט-יידן, וועלכע האָבן זיך באַצויגן צום יידישן קאָלעגע מיט ביטול דערצו האָט גורם געווען הן די קליינע צאָל, הן די שוואַכע פּראָפעסיאָנעלע אויסבילדונג. אויף וויפיל די דאָקטוירים אין יענער צייט זיינען געווען אָפּגעשטאַנען אין פּראָפעסיאָנעל-מעדיצינישן זין, באַווייזט זייער נעגאַטיווע באַציאונג צו די חברים-ספּעציאַליסטן. דער דורכשניטלעכער דאָקטאָר האָט בשום אופן ניט געקענט באַגרייפן, ווי אַזוי זאָגט מען זיך דאָס אָפּ פון דער אַלגעמיינער פּראַקטיק און מ׳באַגרעניצט זיך מיט איין צווייג פון דער מעדיצין.

אין משך פון די 90-קער יאָרן האָט זיך די צאָל און באַדייטונג פון די יידישע דאָקטוירים שטאַרק פאַרגרעסערט און אַלס רעזולטאַט דערפון איז געוואַקסן דער אַנטיסעמיטיזם צווישן די ניט-יידישע דאָקטוירים. אין אָנהייב פון לויפנדיקן יאָרהונדערט האָט זיך בולט גענומען אַרויסווייזן דער אַנטיסעמיטישער כאַראַקטער פון די פּוילישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן געבראַכט צום באַוואוסטן באָיקאָט, דאַן איז אויך צווישן די יידישע דאָקטוירים דערוועקט געוואָרן דער געדאַנק ׳צו פאַראייניקן זיך אויפן נאַציאָנאַלן באָדן — אַ ערשיינונג, וועלכע האָט זיך איבערהויפּט דאַן באַמערקט ביי אַלע סאָציאַלע גרופּן, וועלכע האָבן זיך דיפערענצירט לויט דער אָדער יענער נאַציאָנאַליטעט. ווי שטאַרק ס׳איז געווען די באָיקאָט-שטימונג צווישן די פּוילישע דאָקטוירים, באַווייזט דער פאַקט, וואָס זיי פלעגן זיך אפילו אַנטזאַגן צו קאָנסולטירן צוזאַמען מיט דאָקטוירים-יידן. אויסנוצנדיק זייער באַדייטנדע מערהייט, פלעגן זיי קיינמאָל ניט דערלאָזן, אַז אין דער פאַרוואַלטונג פון דער ווילנער אָפּטיילונג פון דער „קייזערלעכער מעדיצינישער געזעלשאַפט״ זאָלן אַריינגיין אויך יידן. בינתים איז די באַדייטונג פון די יידישע דאָקטוירים אין שטאָט בכלל און אין דער מעדיצינישער געזעלשאַפט בפרט גאַנץ שטאַרק אויסגעוואַקסן. אויסנוצנדיק די גאָענטקייט פון דייטשלאַנד, וואוהין די דאָקטוירים-יידן פלעגן פאָרן שטודירן די אָדער יענע ספּעציאַליטעט, האָבן זיי גאַנץ גיך פאַרנומען אין שטאָט אַ בכבודיקן אָרט אַלס פאַכלייט אין אַלע ספּעציאַליטעטן פון דער מעדיצין, צוגלייך דערמיט וואַקסט אויך .דער קאַמף פון די פּוילישע דאָקטוירים קעגן די יידישע; לאַ-די, וואָס זיי שטרעבן ניט צו דערלאָזן די יידן צו דער קריסטלעכער קליענטור, באַמיען זיי זיך אויך אַרויסצושטופּן די יידישע דאָקטוירים פון דער יידישער פּראַקטיק. דאָס איז געווען אַ קאַמף ניט נאָר פאַר ברויט, נאָר אויך פאַר נאַציאָנאַלער קולטור. ביי אַזעלכע באַדינגונגען איז נאַטירלעך, אַז צווישן די יידישע דאָקטוירים איז אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער באַפעסטיקט געוואָרן דער געדאַנק וועגן דער נייטיקייט צו פאַראייניקן זיך אין אַ זעלבשטענדיקער נאַציאָנאַל-פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע.

די נייטיקייט פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע האָט זיך באַזונדערס בולט אַרויסגעוויזן נאָכדעם, ווי עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ פּוילישע מעדיצינישע סעקציע ביי דער געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך געשטעלט ניט נאָר קולטור-נאַציאָנאַלע צילן, נאָר אויך, נאַציאָנאַל-עקאָנאָמישע. די יידישע דאָקטוירים פלעגן זיך פון אָנהייב פאַרזאַמלען אין פאַרשיידענע ערטער, כדי צו באַטראַכטן די געשאַפענע לאַגע און סוף-כל-סוף איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אין ווילנע אַ יידישע מעדיצינישע געזעלשאַפט. אין אָנהויב 1908-טן יאָר האָט זיך די געזעלשאַפט ענדגילטיק קאָנסטרואירט און איז לעגאַליזירט געוואָרן אונטערן נאָמען „יידישער דאָקטוירים-קרייז״. אָנרופן זיך „יידישע מעדיצינישע געזעלשאַפט״, האָט די דאַמאָלסטיקע רוסישע מאַכט ניט ערלויבט.

דער יידישער דאָקטוירים-קרייז איז געגרינדעט און אָרגאַניזירט געוואָרן דערהויפּט אַדאַנק דער ענערגישער מיטווירקונג פון די ד״רים י. וויגאָדסקי, מ. ראַפּעס און שילדקרעט; ד״ר וויגאָדסקי איז געווען דער ערשטער פּאָרזיצער פון קרייז און ד״ר שילדקרעט — דער ערשטער סעקרעטאַר.

שוין די ערשטע צייט פון דער עקסיסטענץ פון קרייז, איז אים אויסגעקומען זיך צו שטעלן בראש אין דעם קאַמף פון די דאָקטוירים מיט דער דאַמאָלסטיקער פאַרוואַלטונג פון „משמרת חולים״, וואָס האָט געפירט אַ עקספּלואַטאַטאָרישע און באַליידיקנדיקע ליניע בנוגע די דאָקטוירים, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט, און אָנפירן מיטן דאָקטוירים-שטרייק אין „משמרת-חולים״. נאָך אַ קורצן און מאָמענטנווייז גאַנץ העפטיקן קאַמף, האָט זיך דעם דאָקטוירים-קרייז איינגעגעבן צו גייטן די געזעלשאַפט נאָכצוגעבן. דער דאָזיקער פאַקט האָט געדינט אַלס באַלערנודיקע לעקציע פאַר די יידישע דאָקטוירים, דערווייזנדיק זיי די גרויסע נוצן און די קראַפט פון אַ פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע. צו יענער צייט איז שוין ניט געווען קיין איין יידישער דאָקטאָר, וועלכער זאָל ניט זיין קיין מיטגליד פון דאָקטוירים-קרייז.

לכתחילה האָט זיך דער דאָקטוירים-קרייז געשטעלט צוויי צילן: ערשטנס, די פאַרטיידיקונג פון די פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן און צווייטנס — די שטרעבונג צו נאַציאָנאַל-קולטורעלער אַנטוויקלונג.

אינגיכן אָבער האָט זיך די דאָזיקע פּראָגראַם אַרויסגעשטעלט פאַר גאַנץ שמאָל, עס האָט זיך געפילט, אַז עס פעלט עפּעס, און גייענדיק פאָרזיכטיק פאָראויס, איז דער קרייז אַרויס אויף דעם ברייטן וועג פון וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. און ערשט דאַן, ווען די געזעלשאַפט האָט גענומען אַרבעטן אויפן געביט פון דער וויסנשאַפט, האָט זי אָנגעהויבן באַפרידיקן די פאָדערונגען, וואָס די מיטגלידער האָבן צו איר געשטעלט. ס׳איז ניט אַוועק קיין צוויי יאָר, זינט דער דאָקטוירים-קרייז איז געגרינדעט געוואָרן, ווי ער האָט אויפן וויסנשאַפטלעכן געביט אַריבערגעשטייגט די ווילנער אָפּטיילונג פון דער „קייזערלעכער מעדיצינישער געזעלשאַפט״. פון דעם מאָמענט הייבט זיך אָן דער פּעריאָד פון אויפבליאונג פון דעם יידישן דאָקטוירים-קרייז. זיין וויסנשאַפטלעכע אַרבעט איז געוואָרן אַלץ באַדייטנדער. דער אויספאָרשונג פון די נאַציאָנאַל-פּאַטאָלאָגישע אויסנאַמס-פאַרקראַנקונגען צווישן יידן און פון די מיטלען צו פאַרהיטן דאָס געזונט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען געווידמעט אַ גאַנצע ריי ספּעציעלע אַרבעטן פון דעם קרייז. אַ באַזונדערע באַדייטונג האָט געהאַט די אַרבעט פון דעם פאַרשטאָרבענעם ד״ר אברהם מאַקאָווער וועגן די וואוינונגס-באַדינגונגען פון דער אָרימסטער יידישער באַפעלקערונג.

צו דער זעלבער צייט איז די געזעלשאַפט אַריינגעטראָטן אין פאַרבינדונג מיט דעם אָדעסער יידישן דאָקטוירים-קרייז. די אָדעסער דאָקטוירים-יידן האָבן אפילו געהאַט זייער אייגענעם אָרגאַן „Еврейскій медицинскій голос״, וועלכער האָט אָבער עקסיסטירט אַ קורצע צייט. כדי אַריינצוגיין אין אַ ענגערן קאָנטאַקט מיטן דאָזיקן אָרגאַן, איז אין ווילנע געבילדעט געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וועלכע האָט אונטער דער רעדאַקציע פון ד״ר ווירשובסקי אויסגעאַרבעט און אָפּגעדרוקט דאָרטן אַ גאַנצע ריי מיטטיילונגען פון דער יידישער מעדיצין אין ווילנע.

אין יאָר 1912 האָט די ווילנער יידישע מעדיצינישע געזעלשאַפט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון איר אַנטוויקלונג. עס האָט זיך נאָר געפילט אַ נויטווענדיקייט אין אַ מעדיצינישער אַנשטאַלט, וואו מ׳זאָל קענען דורכפירן קליניש ארבעטן. צו דער צייט איז איבערהויפּט די לאַגע פון די יידישע דאָקטוירים אין רוסלאַנד געוואָרן זייער אַ שווערע. אויף מיליטערדינסט פלעגן זיי ניט אָנגענומען ווערן, פון די שטאָטישע און זעמסקע שפּיטעלער פלעגן זיי אַרויסגעשטופּט ווערן, די יונגע ערשט געענדיקטע יידישע דאָקטוירים, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין צוטריט ניט נאָר צו די אוניווערסיטעט-קליניקן, נאָר אפילו צו די געוויינלעכע שטאָטישע שפּיטעלער, זאָגאַר אין יידישן תחום, האָט געדראָט די סכנה צו ווערן פאַרוואַנדלט אין עפּעס דאָקטוירים פון צווייטן סאָרט, וואָרים אויסצולערנען גרינדלעך זייער ספּעציאַליטעט האָבן זיי ניט געהאַט די מעגלעכקייט. האָבנדיק דאָס אין זין, האָט דער ווילנער דאָקטוירים-קרייז דורך דער פאַרמיטלונג פון ד״ר וויגאָדסקי זיך געווענדט צו דעם באַרימטן בערלינער גינעקאָלאָג און יידישן געזעלשאַפטלעכן טוער פּראָפעסאָר לעאָפּאָלד לאַנדאַו מיט דער בקשה, ער זאָל אויסנוצן זיין אויטאָריטעט אין די בערלינער מעדיצינישע קרייזן און נעמען אויף זיך די איניציאַטיווע צו אָרגאַניזירן דעם צוטריט פון די יידישע דאָקטוירים אין די מלוכישע און פּריוואַטע קליניקעס פון די יידישע פּראָפעסאָרן אין דייטשלאַנד. דער פּראָפעסאָר ל. לאַנדאַו האָט זיך זייער וואַרים אָפּגערופן און האָט צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ, וואָס אין דעם פּרט וועט מעגלעך זיין. צום באַדויערן האָט די מלחמה איבערגעהאַקט די אויספירונג פון די אין דעם ענין אָנגענומענע שריט.

די זעלבע מלחמה, צושטערנדיק דעם נאָרמאַלן גאַנג פון לעבן אין אונזער קאַנט בכלל, האָט אויך גורם געווען צו דער פונאַנדערפאַלונג פון דעם ווילנער יידישן דאָקטוירים-קרייז; $^{9}/_{10}$ מיטגלידער פון קרייז האָבן צוגלייך מיט אַ גרויסן טייל פון דער ווילנער באַפעלקערונג פאַרלאָזן די שטאָט פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע, אויף אַזאַ אופן איז פון 1915 ביז 1918 דער דאָקטוירים-קרייז אינגאַנצן נישט געווען טעטיק און דאָס רוב מיטגלידער זיינען געווען צעשפּרייט איבער גאַנץ רוסלאַנד.

אָנהייבנדיק אָבער פון יאָר 1918, ווען די ווילנער בירגער און צוזאַמען מיט זיי אויך די ווילנער יידישע דאָקטוירים, האָבן זיך גענומען אומקערן אין זייער פאָטערשטאָט, ווערט די צאָל דאָקטוירים אין ווילנע אַלץ גרעסער. די אָפטע ענדערונגען אין פּאָליטישן לעבן פון אונזער קאַנט האָבן שטאַרק געפאָדערט די ענגע אָרגאַניזירונג פון אַלע סאָציאַלע גרופּעס, און זומער פון יאָר 1918 רופט דער לעצטער וויצע-פאָרזיצער פון דאָקטוירים-קרייז ד״ר ווירשובסקי צונויף אַ באַראַטונג פון אַלע ווילנער יידישע דאָקטוירים, אויף וועלכער עס

ווערט באַשלאָסן צו באַנייען די טעטיקייט פון דאָקטוירים-קרייז אויף די פּרינציפּן פון זיין אַלטן סטאַטוט.

די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע פון אַלע אינטעליגענטע אַרבעטער בכלל, די באַדייטנדע אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפטלעכער מעדיצינישער טעטיקייט פון „אָזע״ און „משמרת-חולים״, די ווענדונגען פון פאַרשיידענע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס צו די דאָקטוירים נאָך הילף לויט אַ ביליגן טאַריף, האָט מיט דער צייט גורם געווען, אַז דער דאָקטוירים-קרייז זאָל זיך איבערבויען, און דעם 16-טן אַפּריל 1920 יאָר איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון יידישע דאָקטוירים לויטן פּראָיעקט, וועלכער איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך דעם איצטיקן פאָרזיצער פון פאַראיין, ד״ר גערשון. אויף אַזאַ אופן האָט דער דאָקטוירים-קרייז פּאַראַלעל מיט זיינע ריין-וויסנשאַפטלעכע אויפגאַבן אויך אַרומגענומען און אָרגאַניזירט די פּראָפעסיאָנעלע זייט פון זיין לעבן.

ס״ה ציילט דער פאַראיין 75 מיטגלידער און נעמענדיק אין אַכט די קליינע צאָל מיטגלידער און די באַדייטנדע הוצאות פון אויסהאַלטן אַ לאָקאַל, נוצט ער אויס די גאַסטפריינדלעכקייט פון דעם יידישן שפּיטאָל, וואו עס ווערן אַלע צייט וואָכן איינגעאָרדנט די רעגולערע פאַרזאַמלונגען פון פאַראיין. דאָס איינאָרדענען די פאַרזאַמלונגען אין שפּיטאָל גיט די מעגלעכקייט צו דעמאָנסטרירן אינטערעסאַנטע קראַנקע, ניט באַשווערנדיק די קראַנקע גופא.

ביי היינטיקן טאָג שטעלט זיך דער פאַראיין אַלס איינע פון די נאָענטסטע אויפגאַבן איינצואָרדענען אַן אייגענע ביבליאָטעק און באַקומען אויסלענדישע פּעריאָדישע מעדיצינישע אויסגאַבן. כדי צו שאַפן די נייטיקע מיטלען דערצו, האָט דער פאַראיין די לעצטע צייט רעאָרגאַניזירט די סיסטעם פון מיטגלידס-אָפּצאָל. ביז ערשט פלעגן די מיטגלידער צאָלן מאָנאַטלעך 50 מאַרק; ערשט זיינען אַלע מיטגלידער איינגעטיילט אין 3 קאַטעגאָריעס, דערביי ווערט אַלס באַשטימונגס-מאָדוס ביים צורעכענען צו דער אָדער יענער קאַטעגאָריע אָנגענומען, צי אַרבעט דער מיטגליד אויס זיין עקסיסטענץ-מינימום אָדער ניט. צו דער ערשטער קאַטעגאָריע ווערן צוגערעכנט די, וואָס אַרבעטן ניט אויס זייער עקסיסטענץ-מינימום, צו דער צווייטער קאַטעגאָריע די, וועלכע אַרבעטן יאָ אויס; צו דער דריטער—די, וואָס האָבן אַ גאַנץ געזיכערטע עקסיסטענץ. די אָפּצאָל-פּראָפּאָרציע צווישן איין קאַטעגאָריע און דער צווייטער איז גלייך 1: 2: 4. ביים פאַראיין עקסיסטירט אַ אַרבעטס-ביוראָ, וועלכע זאָרגט פאַר דער גלייכמעסיקער פאַרטיילונג פון דער געזעלשאַפטלעכער מעדיצינישער אַרבעט צווישן די דאָקטוירים, און אָן דער איינשטימונג פון ביוראָ טאָר קיין דאָקטאָר ניט פאַרנעמען קיין שטעלע.

ביי דער אָפּגעריסנקייט פון אייראָפּע און די אוממעגלעכקייט צו באַקומען די דאָרטיקע מעדיצינישע אויסגאַבן, זיינען די וויסנשאַפטלעכע זיצונגען פון דאָקטוירים-פאַראיין דער איינציקער אָרט, וואו די דאָקטוירים קענען באַהאַנדלען און דעבאַטירן איבער דער אָדער יענער מעדיצינישער פראַגע. דאָסגלייכן די שווערע לעבנסבאַדינגונגען נייטן די דאָקטוירים צו אַן ענגער פאַראייניקונג, כדי צו פאַרטיידיקן זייערע מאַטעריעלע אינטערעסן.

דערמיט דערקלערט זיך די קאָלאָסאַלע ראָלע, וואָס דער פאַראיין שפּילט צווישן די ווילנער יידישע דאָקטוירים, וועלכע באַזוכן אַלע כמעט אָן אויסנאַם, די פאַרזאַמלונגען פון פאַראיין; דערמיט דערקלערט זיך אויך, וואָס עס איז ניטאָ קיין איין יידישער דאָקטאָר אין ווילנע, וועלכער זאָל ניט זיין קיין מיטגליד פון פאַראיין.

ד״ר שומעלישסקי

אווגוסט, 1921

# דער ווילנער יידישער שפּיטאָל.

דער ווילנער יידישער שפּיטאָל, וואָס עקסיסטירט שוין פון קדמונים אָן, האָט זיך פריער געפונען אויף יאַטקע-גאַס ביי דעם „יידישן טויער״. שפּעטער, סוף 18-טן יאָרהונדערט, איז ער צוליב סאַניטאַרע טעמים איבערגעטראָגן געוואָרן, לויט דער פאַראָרדענונג פון גענעראַל-מאַיאָר קנאָרינג, שפּעט פון ווילנער גאַרניזאָן, ווייטער פון צענטער שטאָט אויף דעם אָרט, וואו עס געפינט זיך איצט זאַוואַלנע גאַס, וואו די גבאים פון ווילנער שפּיטאָל-חברה האָבן געקויפט 2 הויפן. אין יאָר 1842 איז דער יידישער שפּיטאָל אַרונטערגעפאַלן אונטער דער פאַרוואַלטונג פון אויפזיכטסראַט איבער פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס (אַ רעגירונגס-אָרגאַן), און נאָכדעם ווי דער אויפזיכטסראַט איז אין יאָר 1868 בטל געוואָרן— אונטער דעם אַמט פאַר סאָציאַלער אויפזיכט („פּריקאַז אָבשטשעסטווענאָוואָ פּריזרעניאַ״).

דער שפּיטאָל פלעגט שעפּן זיינע הכנסות דערהויפּט פון קאָראָבקע-אָפּצאָל (אויף פלייש), וואָס האָט אין יאָר 1817 געגעבן 11,974 ר. 52 ק, און פלעגט ווערן אַלץ גרעסער פון יאָר צו יאָר, אַזוי אַז אין יאָר 1908 האָט ער שוין געגעבן 25.100 רובל. אין יאָר 1865 האָט דער שפּיטאָל געליטן פון אַ גרויסער שריפה. מען האָט אים אָפּגעבויט אין אַ סך אַ גרעסערער פאָרם. אין יאָר 1876 האָט מען צוגעקויפט ניט קיין גרויס הויז דערביי, כדי צו פאַרגרעסערן דעם שפּיטאָל.

די שטאָט איז ביסלעכווייז אויסגעוואַקסן, זאַוואַלנע גאַס איז געוואָרן דער האַנדלס-צענטער, און אַזוי-אַרום איז נייטיק געוואָרן איבערצוטראָגן דעם שפּיטאָל אין אַן אַנדער אָרט, אויסערן שטאָט. אַדאַנק דער פּרימיטיווער קאָנסטרוקציע פון שפּיטאָל, וואָס האָט ניט באַפרידיקט די עלעמענטאַרסטע פאָדערונגען פון דער וויסנשאַפט, ווי אויך אַדאַנק דעם אומשטאַנד, וואָס דער שפּיטאָל פלעגט זיין איבערפולט מיט קראַנקע, ביז דער לעצטער צייט אויך מיט אָנשטעקנדיקע, האָט דער שפּיטאָל שטענדיק געדראָט צו אָנשטעקן די באַפעלקערונג מיט עפּידעמישע קראַנקהייטן.

שוין אין יאָר 1894 האָט דער ווילנער גובערנאַטאָר באַראָן גרעוועניץ אָנגעוויזן דעם שטאָט-גאָלאָוואַ אויף דער וויכטיקייט און נייטיקייט איבערצוטראָגן דעם יידישן שפּיטאָל אויסערן שטאָט און אויסגעדריקט די זיכערקייט, אַז די שטאָטפאַרוואַלטונג וועט מיט געלט און טעכניק מיטהעלפן דער דאָזיקער זאַך.

נאָכדעם ווי די שטאָט-דומע האָט עטלעכע מאָל געביטן דעם פּלאַץ אויף אַ יידישן שפּיטאָל, האָט זי ענדלעך, לויט די באַשלוסן פון 9 דעצעמבער 1897 און 28 סעפּטעמבער 1898, באַשטימט פאַרן יידישן שפּיטאָל 6600 קלאַפטער שטאָטישע ערד אויף פּאָלאָצקער טראַקט, מיטן תנאי, אַז די ווילנער קהילה אָדער ײי חברה, וואָס וועט בויען דעם שפּיטאָל, זאָל געבן אַ געוויסע באַפרידיקונג (די גרויס האָט געדאַרפט באַשטימען די שטאָט-אופּראַווע) די ביז יעצטיקע אַרענדאַטאָרן פון דער דאָזיקער ערד פאַר זייערע בנינים, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען.

דעם 22-טן פעברואַר 1899 איז אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקער באַשלוס:

„די דעפּוטאַטן פון דער ווילנער יידישער מעשטשאַנסקער געזעלשאַפט, די גבאים פון דער גרויסער שול און פון אַנדערע קלויזן און די פאַרמעגלעכע ווילנער תושבים און איינוואוינער, צונויפקומענדיק זיך דעם 22-טן פעברואַר 1899 אין דער ביליגער יידישער קיך, האָבן אויסגעהערט די מיטטיילונג פון דעם קוראַטאָר פון ווילנער יידישן שפּיטאָל, דעם סוחר ישראל בונימאָוויטש:

1) אַז דער הער מיניסטער פאַר אינווייניקסטע ענינים האָט אויסגעדריקט אַ וואונטש, אַז דער נייער יידישער שפּיטאָל אין ווילנע זאָל געבויט ווערן אויף די געלט-מיטלען פון דער ווילנער יידישער קהילה; און

2) די ווילנער שטאָט-דומע האָט אויסגעדריקט די גרייטשאַפט לויט דעם פאָרשלאָג פון הער גובערנאַטאָר אומזיסט אָפּצוגעבן אַ פּלאַץ פאַר אַ יידישן שפּיטאָל, און באַטראַכט, אויף וועלכע יסודות און אויף וועלכע מיטלען קען מען פאַרווירקלעכן דעם וואונטש פון ה' מיניסטער וועגן בויען אין ווילנע אַ נייעם יידישן שפּיטאָל.

נעמענדיק די אַלע געהעריקע אומשטענדן אין באַטראַכט האָבן מיר אויסגעפונען:

1) אַז דעם היינטיקן שפּיטאָל, וואָס געפינט זיך אויף אַ קליינעם פּלאַץ, קען מען ניט איבערבויען און פאַרגרעסערן בהסכם מיט די פאָדערונגען פון דער מאָדערנער שפּיטאָל-היגיענע;

2) אַז דער היינטיקער שפּיטאָל, צוליב דעם, וואָס ער איז צו קליין און געפינט זיך אין אַנטיסאַניטאַרע באַדינגונגען, אַנטשפּרעכט ניט פון איין זייט דער צאָל קראַנקע, וואָס נייטיקן זיך אין זיין הילף, פון דער צווייטער זייט באַפרידיקט ער ניט, פון שטאַנדפּונקט פון דער היינטיקער מעדיצין און היגיענע, אפילו די אומבאַדייטנדע צאָל קראַנקע, וואָס ער נעמט היינט אַריין, צוליב וואָס עס איז ניט נאָר געוואונטשן, נאָר טאַקע אומבאַדינגט נייטיק אויפצובויען אַ נייעם שפּיטאָל;

3) אַז דער ווילנער יידישער שפּיטאָל דאַרף באַדינען ניט נאָר די שטאָט ווילנע, נאָר אויך די סביבה און די קרייזן, צוליב וואָס מען מוז האָבן אַ סך מער בעטן ווי היינט;

4) אַז דער אויפבוי פון אַזאַ שפּיטאָל-בנין און זיין אויסשטאַטונג וועט איינשליגגען 250.000 רובל, רעכענענדיק 250 בעטן צו 1000 רובל אַ בעט;

5) אַז דער ווילנער יידישער שפּיטאָל, וואָס געפינט זיך אונטער דער פאַרוואַלטונג פון ווילנער גובערניאַלן אַמט פאַר סאָציאַלער אויפזיכט, ווערט באַטראַכט דורך דער יידישער באַפעלקערונג אַלס אַ קאַזיאָנע אינסטיטוציע, וואָס גייט ניט אַריין אין דער ספערע פון דער פּריוואַטער פילאַנטראָפּיע, און דערפאַר האָט די יידישע באַפעלקערונג קיינמאָל ניט געזאָרגט פאַר אים, און דער שפּיטאָל האָט בלויז געהאַט צופעליקע, גאַנץ אומבאַדייטנדע נדבות אין געלט און

פּראָדוקטן, און אַז דער איינציקער מיטל צוצוציען די יידישע באַפעלקערונג צו דער אַרבעט פון אויפבויען דעם נייעם ייִדישן שפּיטאָל און אים אויסהאַלטן אין דער צוקונפט, איז אַרויסנעמען דעם שפּיטאָל פון דער אַדמיניסטראַטיוו-ווירטשאַפטלעכער פאַרוואַלטונג פון אַמט און איבערגעבן אים דער אויפזיכט פון אַ ייִדישער געזעלשאַפט (דערביי זאָל דער שפּיטאָל זיין אונטערגעוואָרפן די אַלגעמיינע מלוכה-געזעצן);

6) אַז די ייִדישע געמיינדע איז גרייט צו אַסיגנירן אויף דעם צוועק די רעשטלעך פון קאָראָבקע-אָפּצאָל. אַחוץ דעם וועט מען קענען פאַרקויפן דעם אַלטן שפּיטאָל, וואָס געהערט צו דער ייִדישער געמיינדע, און פאַרן געלט בויען דעם נייעם.

7) אַז אויף דעם אַלעם פאָדערט זיך אַן ערלויבעניש פון דער רעגירונג —

באַשליסט איינשטימיק די פאַרזאַמלונג, שטיצנדיק זיך אויפן אַרטיקל 992 פון 9-טן באַנד פון ציווילן קאָדעקס, לויט וועלכן די ייִדישע געמיינדע דאַרף האָבן אַ אויפזיכט איבער די ייִדישע קראַנקע:

1) באַפולמעכטיקן די שטענדיקע ווילנער איינוואוינער, דעם קוראַטאָר פון ווילנער ייִדישן שפּיטאָל, ישראל בונימאָוויטש, דעם דאָקטאָר-מעדיצין קאָלעגן-סאָוועטניק יוליוס בלאָך און דעם געשוואָרענעם אַדוואָקאַט דוד סלאָנימסקי און— אין פאַל פון קראַנקהייט אָדער אָפּוועזנהייט פון איינעם פון די אויבנדערמאָנטע פּערזאָנען—דעם דאָקטאָר, נאַדוואָרני סאָוועטניק, בנימין פין, אַז זיי זאָלן זיך באַמיען: א) אַז מען זאָל ערלויבן דער ווילנער ייִדישער געמיינדע בויען אַ נייעם שפּיטאָל מיט אייגענע מיטלען אויפן פּלאַץ, וואָס די שטאָט-פאַרוואַלטונג האָט געגעבן, אָדער אויף אַ פּריוואַטן פּלאַץ, וואָס די ייִדישע געמיינדע וועט קויפן; ב) אַז נאָכן אויפבויען דעם שפּיטאָל, נעמט די ייִדישע געמיינדע אויף זיך אויסצוהאַלטן דעם שפּיטאָל מיט אַלץ, וואָס איז נייטיק (שפּייז פאַר די קראַנקע, געהאַלט פאַר די דאָקטוירים און באַדינער, רעמאָנט פון בנין, באַהייצונג און באַלייכטונג, איינאָרדענען אַן אַפּטייק, איינקויפן מעדיקאַמענטן, מעדיצינישע אינסטרומענטן און אַ. וו.). דאָס נייטיקע געלט וועט גענומען פון קאָראָבקע-אָפּצאָל און פרייוויליקע נדבות; ג) אַז די פאַרוואַלטונג פון שפּיטאָל געהערט אַן אויפזיכט-ראַט, אויסגעקליבן פון דער ווילנער ייִדישער געמיינדע".

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן באַשלוס האָט מען אין די יאָרן 1903—1907 ביים צוזאַמענשטעלן דעם קאָראָבקע-אָפּצאָל אַסיגנירט יעדן מאָל 20.000 רובל אויף אַ שפּיטאָל, מיטן תּנאַי, אַז די ייִדישע געמיינדע וועט האָבן דאָס רעכט פונאַנדערצוטיילן דאָס געלט צווישן די פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, אויב די רעגירונג וועט ניט אַרויסגעבן קיין ערלויבעניש אויפן שפּיטאָל.

אויף אַזאַ אופן האָט שוין אין יאָר 1907 געדאַרפט זיין 80 טויזנט רובל (פאַר די פיר יאָרן 1903—1907), 40 טויזנט רובל, וואָס זיינען שוין געווען סוף 1902, און 70.000 רובל האָט מען געקענט באַקומען פון פאַרקויפן דעם אַלטן שפּיטאָל. אַרויסרעכענענדיק די פּראָצענטן פאַר דער גאַנצער צייט, קומט אויס, אַז עס וואָלט שוין כמעט געדאַרפט זיין די נייטיקע סומע אויף 250 בעטן, ניט רעדנדיק שוין וועגן די פרייוויליקע נדבות. וואָס וואָלטן זיך באַקומען, ווען מען זאָל נאָר געווען צוטרעטן צו דער אַרבעט.

צום באַדויערן זיינען די האָפענונגען פון דער ווילנער ייִדישער געמיינדע ניט מקוים געוואָרן. די רעגירונג האָט ניט אַרויסגעגעבן קיין ערלויבעניש אויפן שפּיטאָל, טראָץ דער הסכּמה פון די ווילנער גענעראַל-גובערנאַטאָרן, פירשט סוויאַטאָפּאָלק-מירסקי, פרעזע און קשיוויצקי. דער מיניסטער פאַר אינווייניקסטע ענינים האָט אין יאָר 1906 מודיע געווען דעם גענעראַל-גובערנאַטאָר, אַז די פּראַגע וועגן שפּיטאָל איז פּריצייטיק צוליב דער פּראָיעקטירטער רעפאָרם אין צפון-מערבדיקן קאַנט — דער איינפירונג פון די זעמסטוועס—וואָרים דאַן וועט דער ייִדישער שפּיטאָל וואַרשיינלעך דאַרפן אַריבערגיין אונטער דער פאַרוואַלטונג פון די זעמסטוועס, וואָס וועלן דאַרפן האָבן אַ ספּעציעלן שפּיטאָל פאַר ייִדן „צוליב זייער נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט". אויף דער צווייטער שתּדלנות פון גענעראַל-גובערנאַטאָר קשיוויצקי, האָט דער מיניסטער געענטפערט, אַז עס איז אוממעגלעך צו באַשטעטיקן דעם אוסטאַוו, לויט וועלכן דער אַלטער ייִדישער שפּיטאָל איז אַ ייִדישער אייגנטום.

פון דער צווייטער זייט האָט מען די רעשטלעך פון קאָראָבקע-אָפּצאָל אין דער סומע פון 40 טויזנט רובל פאַרניצט אויף צו דעקן דעם דעפיציט פון ליכט-אָפּצאָל, אויף רעמאָנט פון שפּיטאָל און אַנדערע עפנטלעכע אויסגאַבן, און דער קאַפּיטאַל, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין משך פון די 4 יאָר און איז געלעגן אין מלוכה-בילעטן, איז געפאַלן אויף גאַנצע 24%. אַחוצדעם איז אַדאַנק דעם עקאָנאָמישן קריזיס געפאַלן די סומע פון קאָראָבקע-אָפּצאָל אין די יאָרן 1903—1907 (אָנשטאָט 148.119 רובל נאָר 105.600 רובל), די הוצאות, אָקעגן-זשע, זיינען געשטיגן (די אויסהאַלטונג פון שפּיטאָל האָט געקאָסט 25.100 רובל יערלעך, אָדער כמעט 25 פּראָצענט פון ביודזשעט). דאָס האָט אין די ווייטערדיקע יאָרן (נאָכן 1907) געמאַכט אוממעגלעך צו אַסיגנירן אַ גרעסערע סומע אויפן בוי-פאָנד און מען פלעגט אַסיגנירן סך-הכּל 500 רובל אַ יאָר, אַזוי אַז אין יאָר 1908 איז מיט פּראָצענט געווען בערך 80.000 רובל.



אין יאָר 1908 איז ווידער פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון די אָנגעזעענסטע און רייכסטע ייִדישע טוער, וועלכע האָבן באַטראַכט דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן, ווי אויך די פּאַקטישע לאַגע פון שפּיטאָל, און אָנגענומען פאָלגנדיקע באַשלוסן:

1) דער בנין פון שפּיטאָל איז אַ אייגנטום פון דער ייִדישער געמיינדע, וואָס ס'באַווייזן ניט נאָר געהעריקע דאָקומענטן, נאָר אויך דער באַזיץ פון איבער 100 יאָר, 2) די סאַניטאַרע אינטערעסן פון שטאָט פאָדערן צו פאַרמאַכן דעם אַלטן יידישן שפּיטאָל, 3) צו דער ייִדישער געמיינדע געהערן אויך די 80.000 רובל, וואָס שטאַמען פון קאָראָבקע-אָפּצאָל, 4) דער דאָזיקער קאַפּיטאַל איז באַשטימט אויף צו בויען אַ נייעם שפּיטאָל, וועלכן עס דאַרף אויפבויען און אויסהאַלטן די ייִדישע געמיינדע, 5) אין פאַל ווען דער דאָזיקער תּנאַי וועט זיך ניט לאָזן דורכפירן, דאַרף דער קאַפּיטאַל פונאַנדערגעטיילט ווערן צווישן אַנדערע ווילנער ייִדישע צדקה-אַנשטאַלטן 6) די ערשטע צייט זאָל מען עפענען בלויז 120 בעטן, ד. ה. אַזוי פיל, וויפיל עס איז דאָ אין אַלטן שפּיטאָל.

אַזוי-אַרום וואָלט אויסגעפעלט בלויז 40 טויזנט רובל. דאָס האָט מען געהאָפט צו קריגן אַלס הלוואה אויפן בנין פון אַלטן שפּיטאָל. אַחוצדעם האָט מען ערוואַרט גרויסע נדבות פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג בכלל און פון דער ייִדישער בפרט, אויב מען זאָל נאָר לייגן דעם פונדאַמענט. עס איז דערביי העכסט כאַראַקטעריסטיש, אַז כּדי דער ייִדישער שפּיטאָל זאָל ניט אַרונטערפאַלן אונטער דער זעמסטוואָ, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ער זאָל זיין געבויט און אויסגעהאַלטן אויסשליסלעך אויף די מיטלען פון דער ייִדישער געמיינדע, און אַזוי-אַרום וועט ער זיין אַ פּריוואַטע און ניט קיין שטאָטישע אינסטיטוציע. מען האָט זיך אַפילו אַנטזאָגט פון דער סובסידיע, וואָס דער אַלטער שפּיטאָל פלעגט באַקומען. נאָך דער באַשטעטיקונג פון דעם דאָזיקן באַשלוס האָט געדאַרפט געוועלט ווערן אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל א) אָנערקענען אַלס אייגנטום פון דער ייִדישער געמיינדע דעם פּלאַץ, וואָס די שטאָט-פאַרוואַלטונג האָט באַשטימט אויף אַ שפּיטאָל, ב) אויסאַרבעטן טעכנישע פּלאַנען און אַ ביודזשעט, און נאָכן באַשטעטיקן דורך דער געהעריקער מאַכט צוטרעטן צום בויען. די קאָמיסיע האָט געדאַרפט באַקומען דאָס געלט פון שפּיטאָל-פאָנד און אַ באַפולמעכטיקונג צו לייען געלט אויף היפּאָטעק פון אַלטן שפּיטאָל.

פון דעם באַשלוס איז אָבער ווייטער גאָרניט געוואָרן, די ערלויבעניש האָט מען ווייטער ניט באַקומען.

אין אַזאַ צושטאַנד האָט זיך דער שפּיטאָל געפונען ביז אַווגוסט 1915, ד. ה. ביז וואַנען די רוסן זיינען אַוועק. אויב עס זיינען געווען גרויסע ענדערונגען אין זיין אינווייניקסטן לעבן, זיינען זיי נאָר באַשטאַנען אין פאַרגרעסערן די אַסיגנירטע סומע אויף זיין אויסהאַלטונג (פון 25.623 רובל ביז 37 טויזנט רובל), אין פאַרגרעסערן די צאָל דאָקטוירים דורכן צונעמען אָרדינאַטאָרן – אגב ניט קיין געצאָלטע—און ענדלעך אין שאַפן אַ אויפזיכטסראַט ביים שפּיטאָל, פון פאָרשטייער פון דער ייִדישער אינטעליגענץ און בורזשואַזיע, וואָס האָט איבעריקנס ניט געבראַכט דעם שפּיטאָל קיין שום נוצן.

ווען די רוסן האָבן אין אַווגוסט 1915 פאַרלאָזן ווילנע, זיינען אַלע שפּיטעלער איבערגעגעבן געוואָרן דער שטאָט. נאָך מיינע שטאַרקע באַמיאונגען האָט זיך איינגעגעבן אַריינצוציען אויך דעם ייִדישן שפּיטאָל אין דער נעץ פון די שטאָטישע שפּיטעלער. דערביי אָבער האָט דער ייִדישער שפּיטאָל גאָרניט באַקומען פון די 40 טויזנט רובל, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן אויף אַלע איבעריקע שפּיטעלער. אין דעם אַקט פון איבערגעבן דעם שפּיטאָל דער שטאָט איז געשטאַנען, אַז ער מוז ווערן אויסגעהאַלטן פון קאָראָבקע-אָפּצאָל. דערמיט איז דער ייִדישער שפּיטאָל אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין דער לאַגע פון אַ שטיפקינד לגבי די אַנדערע שפּיטאָלן.

אין אַזאַ צושטאַנד האָבן אים געפונען די דייטשן. אין די ערשטע 3—4 חדשים נאָכן דייטשן אַריינמאַרש האָבן איבער דער שטאָט-ווירטשאַפט געשאַפט כּמעט זעלבשטענדיק די פריערדיקע מיטגלידער פון מאַגיסטראַט, אויסשליסלעך פּאָליאַקן, און פון דער ערשטער מינוט אָן האָבן זיי גאָרניט געוואָלט געבן אויפן ייִדישן שפּיטאָל.

די הכנסה פון קאָראָבקע-אָפּצאָל איז געוואָרן אַלץ קלענער, ווייל צוליבן מאַנגל אין בהמות פלעגט מען וואָס ווייטער אַלץ ווייניקער שעכטן. דעם שפּיטאָל האָט געדראָאָט אַ געפאַר פאַרמאַכט צו ווערן. צום גליק איז אין 3 חדשים אַרום נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן געקומען קיין ווילנע דער פעלד-ראַבינער ד"ר לעווי, וואָס האָט זיך גלייך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט אַלע ייִדישע פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן און אויסגעפועלט ביים ייִדישן הילפספאַראיין אין בערלין אַ מאָנאַטלעכע סובסידיע פאַר אַלע ווילנער ייִדישע צדקה-אַנשטאַלטן (דער פאַראיין איז דערביי אגב געווען נאָר אַ פאַרמיטלער ביים פאַרטיילן דאָס אַמעריקאַנער געלט). דער שפּיטאָל פלעגט אַליין קריגן פון בערלין 5 טויזנט מאַרק אַ חודש, 3 טויזנט מאַרק אַ חודש פלעגט געבן די שטאָטקאַסע (די רוסן פלעגן געבן נאָר 2 טויזנט רובל אַ יאָר—לויטן באַפעל פון אַלעקסאַנדער I אין יאָר 1806*)

*) אַלעקסאַנדער I האָט אַחוצדעם אין יאָר 1803 געגעבן 3 טויזנט רובל אויף אַ בנין פאַרן שפּיטאָל.

און די קראַנקע פלעגן צאָלן 50 קאָפּיקעס אַ טאָג. געוויס איז עס געווען ווייניק, נאָר ביי שטאַרקער עקאָנאָמיע און אויסגערעכנטקייט פלעגן מיר ווי עס איז אויסקומען.

אין אַזאַ לאַגע איז געווען דער שפּיטאָל ביזן יאָר 1917. דאַן האָט אַמעריקע ערקלערט קריג דייטשלאַנד, און דעם שפּיטאָל האָט ווידער געדראָט די געפאַר צו בלייבן אָן געלט-מיטלען. אָנערקענענדיק דעם גאַנצן ערנסט פון דער לאַגע און וויסנדיק, אַז די דייטשע מאַכט, אויס מורא פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון קראַנקהייטן אין שטאָט, קלערט וועגן פאַרגרעסערן די צאָל שפּיטעלער און ניט וועגן פאַרקלענערן זיי, בין איך געפאַלן אויף אַ המצאה און אַוועק צום דייטשן שטאָט-קרייז-דאָקטאָר מיט אַ פראַגע, וואָס זאָל איך טאָן מיטן שפּיטאָל: צי זאָל איך אים פאַרמאַכן אָדער פאַרקלענערן די צאָל קראַנקע? איך האָב געקראָגן אַזאַ ענטפער, ווי איך האָב ערוואַרט: איך זאָל גאָר ניט קלערן וועגן פאַרמאַכן דעם שפּיטאָל, אָדער פאַרקלענערן די צאָל קראַנקע. געלט וועט מען געבן אויף אויסהאַלטן אים.

אַזוי איז אָנגעקומען דער צווייטער פעריאָד אין דער געשיכטע פון שפּיטאָל, אַ פעריאָד פון איבערגאַנג אין דער נעץ פון די שטאָטישע שפּיטעלער. די דייטשן האָבן גוט אויסגעשטודירט דעם גאַנצן ביודזשעט און אין זייער אַ קורצער צייט אַרום, ווען זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז אין יידישן שפּיטאָל פירט זיך די ווירטשאַפט אַ סך עקאָנאָמישער און בעסער ווי אין די אַנדערע שפּיטעלער, האָבן זיי זיך אָנטזאָגט איבערצונעמען די פאַרוואַלטונג פון שפּיטאָל און מיר געגעבן פאַרן שפּיטאָל 14000 מאַרק אַ חודש, ד. ה. די סומע, וואָס איך האָב געבעטן.

יעדן חודש האָב איך געדאַרפט צושטעלן אַ גענויעם באַריכט פון די אויסגעגעבענע געלט-סומען, און די גרעסערע אויסגאַבן פלעגט מען גענוי קאָנטראָלירן. אָבער ניט נאָר דער שפּיטאָל, נאָר די גאַנצע יידישע געזעלשאַפט איז געווען פולשטענדיק פריי פון יעדער פינאַנסיעלער זאָרג פאַרן שפּיטאָל. די באַציאונגען פון דער דייטשער מאַכט צום שפּיטאָל זיינען אויף אַזוי פיל געווען גוטע, אַז פאַרן אַוועקגיין האָבן זיי איבערגעלאָזט 10.000 מאַרק, כדי דער שפּיטאָל זאָל האָבן אויסצוקומען די ערשטע צייט, איידער עס וועט קלאָר ווערן זיין לאַגע.

אין 5 טעג נאָכן אַוועקגיין פון די דייטשן זיינען אָנגעקומען די באָלשעוויקעס, וואָס האָבן ניט געמאַכט קיין שום אונטערשייד צווישן די נאַציאָנאַליטעטן, אָדער רעליגיעס און תיכף פאַרגלייכט דעם יידישן שפּיטאָל מיט אַלע איבעריקע. דאָס איז דער דריטער פעריאָד אין דער געשיכטע פון שפּיטאָל. די גאַנצע צייט פון דער ערשטער ראַטנמאַכט אין ווילנע, האָט דער שפּיטאָל ניט געוואוסט פון קיין שום מאַטעריעלע, אָדער פינאַנסיעלע זאָרגן.

נאָך 4 חדשים פון באָלשעוויסטישער פאַרוואַלטונג, זיינען אָנגעקומען די פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך, אין אַלגעמיין, באַמיט, אַלץ נאָכצוטאָן די דייטשן. אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך זייער אָנקומען, האָט מען מיך אַרויסגערופן צום פאַרוואַלטער פון שטאָטישן מעדיצינישן אַמט, וואָס האָט געפאָדערט פון מיר אַ קאַטעגאָרישן ענטפער, צי איז דער שפּיטאָל אַ שטאָט-שער, אָדער נאָר אַ סובסידירטער. איך האָב אים געענטפערט, אַז איך באַטראַכט דעם שפּיטאָל אומבאַדינגט פאַר אַ שטאָטישן, ווי אַלע אַנדערע שפּיטעלער. נאָך אַ גענוג לאַנגן געשפּרעך אויף דער טעמע און פאַרשיידענע באַמערקונגען (נעגאַטיווע) מצד אַ מאַגיסטראַט-מיטגליד, האָב איך אויסגעפירט דאָס מיינונג, אין אַזאַ לאַגע איז דער שפּיטאָל ביז היינטיקן טאָג: ד. ה. ער פונקציאָנירט פולשטענדיק, דינענדיק כמעט אויסשליסלעך דער יידישער באַפעלקערונג פון שטאָט און אומגעגנט (איך זאָג כמעט, ווייל אַ $\frac{1}{2}$ פראָצענט זיינען קריסטן) און באַקומט אַבסאָלוט ניט קיין ספּעציעל יידיש געלט.

איך האַלט פאַר נייטיק צוצוגעבן, אַז אין דעם אַזוי-גערופענעם צווייטן פעריאָד פון יידישן שפּיטאָל, ד. ה., אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, זיינען פאָרגעקומען געוויסע שינויים אין צוזאַמענשטעל פון די קראַנקע: עס איז פאַרמאַכט געוואָרן די אָפּטיילונג פאַר געווינערינס, פראָסטיטוטקעס און גייסטיק-קראַנקע, וועלכע זיינען איבערגעטראָגן געוואָרן אין שפּיטאָל פון „היילקן יאַקוב“ און דעם ספּעציעל איינגעאָרדנטן ווענערישן שפּיטאָל. עס איז אויך אָפּגעשאַפט געוואָרן די אָפּטיילונג פאַר אָנשטעקנדיקע קראַנקע, וועלכע זיינען איבערגעפירט געוואָרן אין שפּיטאָל פאַר אָנשטעקנדיקע קראַנקע. נאָכן אַוועקגיין פון די דייטשן איז די אָפּטיילונג פאַר געווינערינס ווידער געעפנט געוואָרן און זי פונקציאָנירט ביז היינטיקן טאָג. די איבעריקע פאַרמאַכטע אָפּטיילונגען זיינען ביז איצט ניט געעפנט געוואָרן, און וועלן וואַרשיינלעך מער ניט געעפנט ווערן.

אין יאָר 1921 איז פאָרגעקומען אַ וויכטיקע געשעעניש אין לעבן פון שפּיטאָל: דאָס איז אַ גרינדלעכער רעמאָנט, וואָס איז שוין געווען נייטיק מיט העכער פון 20 יאָר צוריק, כדי צו פאַרהיטן פון אַ קאַטאַסטראָפע, דער סופיט זאָל ניט איינפאַלן און דער פונדאַמענט זאָל זיך ניט אַראָפּלאָזן. דער ווילנער מאַגיסטראַט האָט אין יאָר 1921 אַסיגנירט אויף דעם אין עטלעכע ראַטעס אַ סומע פון 800,000 מאַרק.

דער שפּיטאָל ווערט ביי היינטיקן טאָג אויסגעהאַלטן אויפן חשבון פון מאַגיסטראַט, און זיין ביודזשעט באַטרעפט $1\frac{3}{4}$ מיליאָן אַ חודש.

כדי צו געבן אַ באַגריף וועגן דער באַוועגונג פון די קראַנקע אין יידישן שפּיטאָל, לייגן מיר צו פאָלגנדיקע ציפערן:

| יאָר | אַלגעמיינע צאָל קראַנקע | געשטאָרבן | % פון שטערבלעכקייט |
|---|---|---|---|
| 1916 | 1414 | 193 | 13,5 |
| 1917 | 2276 | 673 | 29,5 |
| 1918 | 1167 | 235 | 20 |
| 1919 | 2278 | 360 | 16 |
| 1920 | 1772 | 184 | 10,4 |

די דרינגנדיקע פאָדערונגען צו פאַרבעסערן דעם מצב פון יידישן שפּיטאָל באַשטייען: 1) אין פאַרבעסערן די דערנערונג, 2) אין עפענען צוריק די אַלע אָפּטיילונגען, וואָס האָבן עקסיסטירט ביז דער מלחמה, דהיינו פאַר גייסטיק-קראַנקע, ווענערישע און אָנשטעקנדיקע, וואָרים אויב מען האַלט פאַר נייטיק די עקסיסטענץ פון אַ יידישן שפּיטאָל צוליב רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע טעמים, דאַרפן דאָרטן געפינען אַ מקום-מקלט אַלע אָן אויסנאַם קאַטעגאָריעס קראַנקע, וועלכע נייטיקן זיך אין אַ אָנטשפּרעכנדיקער נאַציאָנאַל-רעליגיעזער סביבה.

ד"ר א. ווירשובסקי.

---

# „משמרת-חולים“.

אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, ווען כמעט די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון די ווילנער יידן האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דער אַזוי-גערופענער „צדקה-גדולה“, האָט זיך ביי אייניקע כלל-טוער דערוועגט דער געדאַנק צו שאַפן ביי דער אַלגעמיינער „צדקה-גדולה“ אַן אָפּטיילונג, וועלכע זאָל זיך ספּעציעל פאַרנעמען מיט געבן ביליגע אָדער אומזיסטע מעדיצינישע הילף דער אָרימער יידישער באַפעלקערונג.

און אָט ווערט אין מיטן פון די אַכציקער יאָרן, אדאַנק דער ענערגיע פון דעם ניט לאַנג פאַרשטאָרבענעם ה' בצלאל ב"ר משה אַלטשולער ז"ל, געשאַפן ביי דער „צדקה-גדולה“ אַן אָפּטיילונג, וועלכע שיקט צום אָרימן קראַנקן אַ דאָקטאָר, אָדער גיט אַרויס אַן אומזיסטן רעצעפּט. ס'פאַרשטייט זיך, אַז דער ענגער פאַרנעם, וואָס די דאָזיקע אָפּטיילונג האָט געקענט אָננעמען, האָט ניט געקענט באַפרידיקן די גרויסע נויט אין ביליגער און אומזיסטער מעדיצינישער הילף פאַר דער אָרימער יידישער באַפעלקערונג, און ס'האָט זיך גאָר גיך אַרויסגעשטעלט, אַז די טעטיקייט פון דער אָפּטיילונג מוז פאַרברייטערט ווערן, און אַז ס'מוזן צו דער אַרבעט צוגעצויגן ווערן די ברייטסטע שיכטן פון דער געזעלשאַפט. און אין יאָר 1889 ווערט „משמרת-חולים“ אויסגעטיילט פון דער „צדקה-גדולה“ אַלס זעלבשטענדיקע „חברה צו העלפן אָרימע קראַנקע יידן פון ווילנע און אומגעגנט“.

די נויט אין אַזאַ אַנשטאַלט איז שוין צו יענער צייט געווען אַזוי גרויס און די טעטיקייט פון דער נייער חברה אַזוי פאָלקסטימלעך-פּאָפּולער, אַז זי האָט זיך זייער שנעל קונה געווען די גרעסטע סימפּאַטיע פון די ברייטסטע געזעלשאַפטלעכע שיכטן און דער פאַרנעם פון איר אַרבעט וואַקסט כסדר פון יאָר צו יאָר. אין די ערשטע יאָרן איז די הויפּט-אַרבעט פון „משמרת-חולים“ געווען צו באַזאָרגן דעם אָרימאַן מיט אַ אומזיסטן דאָקטאָר, אָדער מיט ביליגער מעדיצין. ביי דער גרינדונג פון דער חברה האָבן זיך 4 דאָקטוירים (ד"ר נאַטאַנזאָן, ד"ר בלאָך, ד"ר הורוויטש און ד"ר קאָגאַן), וועלכע האָבן בכלל גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער גרינדונג פון „משמרת-חולים“, מתחייב געווען אין משך פון אַ יאָר צייט צו געבן אומזיסטע הילף לויט די אָרדערן פון „משמרת-חולים“. אויך די אַפּטייקערס (לייב שירווינט, גוסטאַוו שירווינט און מאיר וויגאָדסקי) האָבן אין משך פון ערשטן יאָר זיך מתחייב געווען צו מאַכן געוויסע הנחות פאַר די קראַנקע פון „משמרת-חולים“.

די רעצעפּטן פאַר די אָרימע קראַנקע פלעגן, לויט אַן אָפּמאַך מיט „משמרת-חולים“, אַרויסגעגעבן ווערן פון כמעט אַלע ווילנער אַפּטייקן. איינע פון די פּאָפּולערסטע איינריכטונגען פון „משמרת-חולים“ צו יענער צייט זיינען געווען די ביינאַכטיקע דעזשורסטוועס. אַלע מיטגלידער פון דער חברה זיינען מחויב צו גיין נעכטיקן ביי די אָרימע קראַנקע און, הגם מ'האָט געקענט דינגען

פאַר זיך אַן אַנדערן, אַריינטראָגנדיק אין קאַסע פון דער חברה 30 קאָפּיקעס. פלעגן דאָך דער גרעסטער טייל מיטגלידער זיך ניט וועלן אָפּזאָגן פון דער מצווה און פלעגן גיין פערזענלעך אין די אָרימסטע הייזלעך און די פינסטערע קעלערן אָפּזיצן אַ נאַכט ביים בעט פון דעם חולה. אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט האָט „משמרת־חולים" אָפּגעגעבן די אָרעמע קימפּעטאָרינס, וועלכע פלעגן אויפן בעסטן אופן באַזאָרגט ווערן מיט אַ דאָקטאָר, אַקושאָרין און אַלעם נייטיקן. דערביי איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז ביים גרינדן די חברה האָט זיך די אַקושאָרין פ׳ פּ. קרינסקי מתחייב געווען אין משך פון ערשטן האַלבן יאָר צו באַהאַנדלען די אָרימע קימפּעטאָרינס אומזיסט.

אין משך פון דער צייט האָט די אַרבעט פון דער חברה אָנגענומען אַזאַ ברייטן מאַסשטאַב, אַז די אַלטע פאָרמען פון הילף האָבן שוין מער ניט באַפרידיקט, און „משמרת־חולים" נעמט אָרום אַלץ נייע געביטן פון מעדיצינישער הילף, פאַרגרעסערנדיק די אַלטע אינסטיטוציעס און שאַפנדיק נייע.

אַזוי גרינדעט „משמרת־חולים" אין יאָר 1907 די ערשטע אומזיסטע אַמבולאַטאָריע פאַר אָרימע יידישע קראַנקע און, אַדאַנק דער רייכער נדבה פון דער טאָכטער פון ה׳ מ. ראָזענסאָן (וועמעס נאָמען די אַמבולאַטאָריע טראָגט), פּרוי א. ח. סקאָמאָראָווסקי, וועלכע פאַרזיכערט די עקסיסטענץ פון דער אַמבולאַטאָריע מיט אַ שטענדיקער רענטע, האָט זיך איינגעגעבן גלייך פון אָנהייב אַוועקצושטעלן די אַרבעט אין אַמבולאַטאָריע אויף דער נייטיקער הייך — און די צאָל אָרימע קראַנקע, וועלכע באַנוצן זיך מיט דער אַנשטאַלט, וואַקסט אָן אַן אויפהער.

אויך אויפן געביט פון אַרויסגעבן ביליגע אָדער אומזיסטע רפואות וואַקסט זיך די טעטיקייט פון „משמרת־חולים" שטאַרק פונאַנדער און, ווען די צאָל אַרויסגעגעבענע רעצעפּטן הייבט אָן איבערצושטייגן 200 טעגלעך און די פאַרזאָרגונג מיט רעצעפּטן דורך פּריוואַטע אַפּטייקן ווערט שווערלעך, באַשליסט די פאַרוואַלטונג צו גרינדן אַן אייגענע אַפּטייק, פון וועלכער די אָרימע קראַנקע זאָלן דירעקט באַקומען די רפואות. אין דעם אייגענעם יאָר 1907 ווערט דער באַשלוס פאַרווירקלעכט און די אַפּטייק ביי „משמרת־חולים" אַנטוויקלט זיך אין איינער פון די גרעסטע און פּאָפּולערסטע אינסטיטוציעס, וואָס אונזער ווילנע פאַרמאָגט.

צו יענער צייט שטעלט זיך שוין אַרויס, אַז דער יידישער שפּיטאָל איז ניט מסוגל אַריינצונעמען אַלע קראַנקע, וועלכע נייטיקן זיך אין ביליגער קלינישער הילף, אַז ס׳איז פאַראַן אַ גרויסער קאָנטינגענט קראַנקע, דערהויפּט פון מיטלשטאַנד (געפאַלענע בעלי־בתים, קליינהענדלער, האַנטווערקער און אַרבעטער), וועלכער וויל בשום אופן ניט גיין אין דעם אַזוי־גערופענעם „הקדש", און „משמרת־חולים" באַשליסט צו עפענען אַן אייגענע קליניק פאַר דעם דאָזיקן קאָנטינגענט אָרימע קראַנקע.

אויך אויף די אַנדערע געביטן פון איר טעטיקייט, ווי באַזאָרגונג מיט מעדיצינישער הילף אויף אַהיים, מיט אייז, מיט באַנדאַזש־מאַטעריאַל, מעדיצינישע הילפס־מכשירים וכדומה, וואַקסט כּסדר דער פאַרנעם פון דער אַרבעט, די אַלע אַנשטאַלטן פון „משמרת־חולים", קענען זיך שוין ניט איינפּאַסן אין אַ געדונגענער פּריוואַטער דירה, און די פאַרוואַלטונג טרעט אין יאָר 1910 צו צו בויען אַן אייגן הויז, ספּעציעל איינגעאָרדנט פאַר די אַלטע און נייע מעדיצינישע אַנשטאַלטן פון „משמרת־חולים". דאָס הויז פון „משמרת־חולים" איז אין משך פון 1911 — 1910 אויסגעבויט און איינגעריכט געוואָרן אַדאַנק די פרייוויליקע פּילצאָליקע נדבות פון די ווילנער יידן, וועלכע האָבן זיך זייער וואַרים אָפּגערופן אויפן קול קורא פון דער פאַרוואַלטונג פון „משמרת־חולים" צו שאַפן אַן אייגענעם בנין פאַר אַלע אַנשטאַלטן פון דער חברה.

אין פעברואַר פון יאָר 1912 ווערט ענדלעך מיט גרויס פּאַראַד געפייערט דאָס חנוכּת־הבית פון דעם נייעם „משמרת־חולים"־בנין און איינע פון די גרעסטע אַקציעס, וואָס די ווילנער יידן האָבן דורכגעפירט לטובת די אָרימע קראַנקע, איז פאַרענדיקט.

אין יאָר 1913 ווערט געעפנט די קליניק פון „משמרת־חולים", לכתחילה ספּעציעל פאַר כירורגישע קראַנקע און סך־הכל אויף 15 בעטן. אָבער די צאָל קראַנקע, וואָס פלעגן זיך ווענדן אין דער קליניק, איז געווען פיל גרעסער. די פאַרוואַלטונג האָט זיך שוין געטראָגן מיטן געדאַנק אויסצובויען אַ ספּעציעלן בנין פאַר אַ גרעסערער קליניק, נאָר דער אויסבראָך פון דער וועלט־מלחמה האָט מיט אַמאָל אָפּגעהאַלטן די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער קליניק, וועלכע איז צייטווייליק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לאַזאַרעט פאַר פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן אויפן נאָמען פון דער ווילנער יידישער קהילה. אין משך פון ערשטן יאָר פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט זיך ווי ס׳איז איינגעגעבן אויפצולעבן די קליניק און זי האָט פונקציאָנירט (אויף 35 בעטן) ביזן 15־טן יוני 1919, ווען זי האָט זיך צוליב געלט־מאַנגל צייטווייליק געשלאָסן.

די וועלט־מלחמה האָט בכלל מוראדיק שלעכט געווירקט אויף דער טעטיקייט פון „משמרת־חולים". אויסער דער קליניק, וועלכע האָט אויפגעהערט צו פונקציאָנירן, און איז, אַלס צייכן פון דער צייט, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מיליטערישן לאַזאַרעט, האָבן אויך די איבעריקע אינסטיטוציעס פון „משמרת־חולים" שווער געליטן פון דער מלחמה. שוין בלויז דער אומשטאַנד, וואָס „משמרת־חולים" האָט אין איינעם פרימאָרגן פאַרלאָרן כּמעט אַלע דאָקטוירים, האָט



געמוזט ברענגען דערצו, אַז די אַרבעט זאָל זיך אָפּשטעלן. די הכנסה־קוואַלן פון „משמרת־חולים" זיינען מיטן אויסבראָך פון דער מלחמה אויך פלוצלונג פאַרשטאַרקט געוואָרן, און די עוואַקואַציע, ביי וועלכער די רייכערע ווילנער יידישע באַפעלקערונג האָט פאַרלאָזן איר פּאָסטערשטאָט, האָט דעם ביודזשעט פון „משמרת־חולים, וועלכער האָט זיך דערהויפּט געהאַלטן אויף מיטגלידס־אָפּצאָל און נדבות, פולשטענדיק רואינירט.

ס׳פאַרשטייט זיך דעריבער, אַז אין די ערשטע יאָרן פון דער מלח און אָקופּאַציע איז די אַרבעט פון „משמרת־חולים" געפירט געוואָרן לפי־ערך אין אַ גאַנץ קליינעם מאַסשטאַב. ס׳איז אויסגעקומען צוצופּאַסן דעם פאַרנעם פון דער הילפס־אַרבעט צו די באַגרעניצטע, נישטיקע מיטלען, וואָס „משמרת־חולים" האָט געקענט באַקומען אין איר רשות. דערביי איז נאָך די לאַגע פאַרשווערט געוואָרן דורכדעם, וואָס כּמעט אַלע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון „משמרת־חולים" זיינען אַרויסגעפאָרן, און פון פּרעזידיום פון „משמרת־חולים" זיינען אין ווילנע פאַרבליבן נאָר דער ניט לאַנג פאַרשטאָרבענער צ. אַלטשולער, וועלכער איז שוין צו יענער צייט געווען אַ מסוכּנער חולה און האָט ווייניק־וואָס געקענט אויפטאָן, און דער סעקרעטאַר פון דער פאַרוואַלטונג׳, ה׳ ש. ברוידאָ. און אויב „משמרת־חולים" האָט דורכגעמאַכט בשלום די עטלעכע קריזיס־יאָרן און ביסלעכווייז, פון צווייטן יאָר אָקופּאַציע, אָנגעהויבן אויפצולעבן, איז דאָס כּמעט אויסשליסלעך אַדאַנק דער אומדערמידלעכער ענערגיע און איבערגעגעבנקייט פון דעם ה׳ ש. ברוידאָ פאַר די אינטערעסן פון „משמרת־חולים", אַ גרויסע באַדייטונג האָט געהאַט פאַר „משמרת־חולים" דאָס, וואָס דער פאָרזיצער פון „משמרת־חולים" ה׳ פּ. דעסלער, וועלכער האָט זיך געפונען אין רוסלאַנד, האָט אויך דאָרט צווישן די ווילנער און ניט־ווילנער יידן געזאַמלט נדבות פאַר „משמרת־חולים" און פלעגט פון צייט צו צייט צושיקן פאַר „משמרת־חולים" גאַנץ באַדייטנדע — פאַר יענער צייט — סומען, וועלכע האָבן אין יענער צייט פון שווערן מאַטעריעלן קריזיס ממש געראַטעוועט „משמרת־חולים" פון אונטערגאַנג.

דעם שווערסטן קריזיס האָט „משמרת־חולים" אויסגעהאַלטן נאָר אַדאַנק די צוויי אָנגעוויזענע פּערזאָנען. ס׳איז פּשוט געווען צו באַוואונדערן, מיט וואָס פאַר אַ ערפינדערישער ענערגיע ה׳ ש. ברוידאָ פלעגט ווי פון אונטער דער ערד שאַפן מיטלען פאַר „משמרת־חולים", דערהויפּט פון פאַרשיידענע אַנשטאַלטן און אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן געקענט ווען נישט איז סובסידירן.

אָנהייבנדיק פון צווייטן יאָר אָקופּאַציע, ווען אין דעם אַזויגערופענעם צענטראַל־קאָמיטעט פון די ווילנער וואוילטעטיקע אָרגאַניזאַציעס, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט דער חלוקה פון די אַמעריקאַנער געלטער, וואָס פלעגן זיך באַקומען דורכן „יידישן הילפס־פאַראיין אין דייטשלאַנד", איז אַלס פאַרטרעטער פון „משמרת־חולים" אַריינגעטראָטן ה׳ ש. ברוידאָ, האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרגרעסערן די סובסידיע פאַר „משמרת־חולים" אויף אַזוי פיל, אַז „משמרת־חולים" האָט געקענט פאַרשטאַרקן איר טעטיקייט.

ס׳איז אויך כּדאַי צו דערמאָנען די נוצלעכע טעטיקייט לטובת „משמרת חולים" אין דער צייט פון די אָקופּאַציע־יאָרן מצד איניקע דאָקטוירים. אַזוי איז לויט דער איניציאַטיווע פון ד״ר פאָטשטער, וועלכער האָט אַגב איבערגענומען די פאַרוואַלטונג איבערן שפּיטאָל פון דער חברה, געגעבן געוואָרן דעם מיטעלן קלאַס פון דער יידישער באַפעלקערונג די מעגלעכקייט צו באַקומען סטאַציאָנערע מעדיצינישע הילף. בראש פון די אָפּטיילונגען זיינען געשטאַנען: ד״ר שאַבאַד — אינערלעכע קראַנקהייטן, ד״ר ווירשובסקי — נערוון־קראַנקהייטן און ד״ר ג. ראָם — כירורגישע באַהאַנדלונג. די דערמאָנטע דאָקטוירים האָבן פיל מי און צייט מקריב געווען דעם שפּיטאָל פון מ״ת פאַר גאָר אַ מעסיקער באַלוינונג.

די ערשטע ווילנער יידישע קהילה האָט קיין גרויסע ווירקונג אויף „משמרת־חולים" ניט געהאַט. „משמרת־חולים" איז ניט אַריינגענומען געוואָרן אין נעץ פון די קהילה־אַנשטאַלטן און פלעגט באַקומען אַ גאַנץ קליינע סובסידיע פון די סומען, וואָס די קהילה האָט געהאַט אין איר רשות.

אַ וויכטיקער ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פון „משמרת־חולים" איז פאָרגעקומען אין פרילינג 1920, ווען די מעדיצינישע הילף איז פאַקטיש אויסגעטיילט געוואָרן פון דער קהילה און ס׳איז געגרינדעט געוואָרן דער אַזוי־גערופענער „מעדיצינאַל־ראַט". אַלס מעדיצינישער אָנפירער פון „משמרת־חולים" איז איינגעלאַדן געוואָרן ה׳ ד״ר וו. פּערלמאַן, וועלכן ס׳האָט זיך איינגעגעבן צו רעסטאַווירן די מעדיצינישע אַרבעט פון „משמרת־חולים" דערהויפּט פון אַמבולאַטאָריע, אין וועלכער די צאָל קראַנקע און דער פאַרנעם פון דער אַרבעט האָט שוין אפילו איבערגעשטייגט דעם מאַסשטאַב פון פאַר דער מלחמה; די מעדיצינישע הילף אויף אַהיים (דאָקטאָר־ און פעלדשער־וויזיטן און מעדיצינישע אַנאַליזן) איז רעאָרגאַניזירט און פאַרגרעסערט געוואָרן: ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע נעץ פון ראַיאָן־דאָקטוירים פאַר ווילנע מיט די פאָרשטעטלעך, 3 ביוראָען צו פאַרשרייבן דאָקטוירים — אין „משמרת־חולים", אין קהילה און אויף סאַוויטשער גאַס (די לעצטע איז אינגיכן געשלאָסן געוואָרן) א. אַ. וו.; אויך די אַפּטייק האָט דורכגעמאַכט אַ אינערלעכע רעאָרגאַניזאַציע און די אַרבעט, ווי אויך דאָס אַרויסגעבן רעצעפּטן, איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף מער ראַציאָנעלע יסודות; די קליניק, וועלכע איז געווען פון יוני 1919 געשלאָסן, ווערט דעם 1 דעצעמבער

1920, אַדאַנק דעם אָנטייל פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“, ווידער געעפנט און פאַרגרעסערט ביז 50 בעטן און פונקציאָנירט זייער אינטענסיוו.

די גאַנצע אויפלעבונג פון „משמרת-חולים“ איז אָבער געמאַכט געוואָרן אַדאַנק דער טעמפּאָראַלער הילף פון אונזערע אַמעריקאַנער ברידער, און די הנהגה פון „משמרת-חולים“, זייענדיק איבערצייגט, אַז די אַרבעט פאַר „משמרת-חולים“ פאַר די אָרימע קראַנקע, דאַרף און מוז זיין די אַרבעט פון די ווילנער יידן גופא, ווי דאָס איז געווען פאַר דער מלחמה, נעמט אָן אַלע מיטלען, כּדי צו פאַראינטערעסירן די ברייטע געזעלשאַפטלעכע שיכטן מיט די אַנשטאַלטן פון „משמרת-חולים“. אין מאַי 1921 ווערט צונויפגערופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער פון „משמרת-חולים“ און ס'ווערט אויסגעקליבן אַ נייע פאַרוואַלטונג, אין וועלכער ס'גייען אַריין פאָרשטייער פון אַלע שיכטן פון דער ווילנער יידישער געזעלשאַפט. די הכנסה, וואָס „משמרת-חולים“ באַקומט אין דער פאָרם פון מיטגלידס-אָפּצאָל און נדבות, פאַרגרעסערט זיך די לעצטע צייט כּסדר, די פּאָפּולאַריטעט פון די אַנשטאַלטן פון „משמרת-חולים“ ווערט אַלץ ברייטער און דער צוזאַמענבונד מיט דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג אַלץ ענגער און ענגער.

אויף אַזאַ אופן ווערט „משמרת-חולים“ ווידער אויפגעריכט און פאַרנעמט שוין ביי היינטיקן טאָג דעם בכבודיקן אָרט, וועלכער ס'געהערט איר לויט דער 33-יאָריקער טעטיקייט אירער לטובת דער ווילנער יידישער אָרימער באַפעלקערונג.

א. קאַבאַטשניק.

# צענטראַלער יידישער האַנטווערקער-פאַראיין אין ווילנע.

די גרויסע וועלט-מלחמה האָט אויך אויפגעוועקט פון לאַנגן ביטערן שלאָף דעם ווילנער יידישן בעל-מלאכה, וועלכער האָט דורך דער מלחמה זיין לעצטע פּאָזיציע אויך פאַרלאָרן. מיר געדענקען נאָך אַלע גאַנץ גוט די באַציאונג פון דער אַזוי-גערופענער יידישער געזעלשאַפט צום בעל-מלאכה, ווי מ'האָט אויף אים געקוקט פון אויבן אַראָפּ, ווי אויף אַ באַשעפעניש פון דער צווייטער מדרגה, וועלכע דאַרף נאָר דינען פאַר אַ מאַטעריאַל פאַר אַלע אומגעבעטענע כּלל-פאַרזאָרגער צו ריידן אין זיין נאָמען און צו פאַרזאָרגן אים מיט אַ הקדש, מושב-זקנים און נאָך אַזעלכע נוצלעכע פאַרן אָרימן בעל-מלאכה נעבעך אינסטיטוציעס און דורכדעם צו האָבן כּבוד אויף דער וועלט און עולם-הבא אויף יענער וועלט. די דעמאָקראַטישע עלעמענטן, ווידער, האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף אַ שיכט, וואָס איז פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג און קען קיין ראָלע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן ניט שפּילן. פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזאַ באַציאונג צו אים פון אַלע זייטן איז ער געבליבן אָנגעוויזן נאָר אויף אייגענע כּוחות, וועלכע זיינען דאָך צוליב פאַרשיידענע סיבות, ווי דער אַנטאַגאָניזם צווישן די פאַכן און די קאָנקורענץ-מורא אין יעדן פאַך גופא, געבליבן צעבראָקלט און צעשפּליטערט; און וועגן אַ געמיינזאַמער פאַראייניקונג און אָרגאַניזירונג האָט גאָר קיין רייד ניט געקאָנט זיין. טיילווייז האָט דאָ אויך געשפּילט אַ ראָלע דער פאַרהעלטניסמעסיקער וואוילשטאַנד ביי אַ גרעסערער צאָל בעלי-מלאכות אין די לעצטע פאָר צענדליק יאָר פאַר דער מלחמה, וועלכע האָבן געליפערט זייער פּראָדוקציע קיין רוסלאַנד, און וועלכע האָבן פון יאָר צו יאָר פאַרבעסערט און פאַרגרעכערט זייער פּראָדוקציע. די העכסטע מדרגה האָבן דערגרייכט אייניקע פאַכן אין 14-טן און אין דער ערשטער העלפט פון 15-טן יאָר, ווען פון דייטשלאַנד און שפּעטער אויך פון פּוילן האָט מען קיין סחורה ניט געקאָנט אַריינפירן און מ'האָט אָנגעהויבן אַלץ פּראָדוצירן ביי זיך.

ניט לאַנג האָט דאָס אָבער געדויערט. מיט דער דייטשער אָקופּאַציע האָט זיך אַלץ מיט איין מאָל אָפּגעשטעלט. די מער פאַרמעגלעכע האָבן זיך עוואַקואירט קיין רוסלאַנד און ביי די געבליבענע האָט זיך צוליב די רעקוויזיציעס און קאָנפיסקאַציעס, ווי אויך צוליב דעם, וואָס מיר זיינען מיט איין מאָל אָפּגעריסן געוואָרן פון דער גאַנצער וועלט, די גאַנצע אַרבעט אָפּגעשטעלט; און דאַן האָבן זיך ערשט די ווילנער בעלי-מלאכות אַרומגעזען, אַז קיין פריינד האָבן זיי ניט אויף וועמען צו פאַרלאָזן זיך און זיי זיינען נאָר אָנגעוויזן אויף אייגענע כּוחות, און אַזוי איז אין שווערסטן פּעריאָד פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין אָנהייב פון 1916 יאָר דורך אַ גרופּע האַנטווערקער געגרינדעט געוואָרן דער האַנטווערקער-פאַראיין, וועלכער איז שפּעטער לעגאַליזירט געוואָרן און פייערלעך געעפנט דעם 30 יולי 1916. פאַרשטייט זיך, אַז אין יענער צייט האָט קיין רייד ניט געקענט זיין וועגן עקאָנאָמישער און אויפבויאונגס-הילף; די גאַנצע ענערגיע איז דאַן אָפּגעגעבן געוואָרן אויפצוהאַלטן דעם קיום פון דעם בעל-מלאכה ביז בעסערע צייטן. אום צו האָבן אַ באַגריף ווי גרויס די נויט איז דאַן געווען צווישן די בעלי-מלאכות וועט זיין גענוג אָנצווייזן, אַז אין דער קיך, וואָס דער פאַראיין האָט דאַן געעפנט, האָבן זיך געשפּייזט ביז 2000 נפשות פון די האַנטווערקער-פאַמיליעס. גרויס נוצן האָט אויך דאַן געבראַכט דער קאָאָפּעראַטיוו פאַר לעבנס-מיטלען, וועלכער האָט אין דעם גרויסן יקרות באַזאָרגט זיינע מיטגלידער מיט ביליגע פּראָדוקטן. די פאַרוואַלטונג האָט אָבער דאַן פאַרשטאַנען, אַז די פילאַנטראָפּישע אַרבעט איז אַ צייטווייליקע און האָט צוגלייך געפירט אַ גרויסע קולטורעלע און אויפקלערונגס-אַרבעט.

קיינער וועט ניט פאַרגעסן די פאַמיליען-אָוונטן, וואָס דער פאַראיין האָט איינגעאָרדנט פאַר זיינע מיטגלידער אין די פינסטערסטע אָקופּאַציע-צייטן, וועלכע האָבן זיי געגעבן מוט איבערצוטראָגן די שלעכטע צייטן און יעדער האָט געזען, אַז ער איז ניט עלנט און אַז ער געהערט צו אַ גרויסער משפּחה. די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט האָט דאָך די פאַרוואַלטונג געלייגט אויף דער געזעלשאַפטלעכער לאַגע פון דעם יידישן בעל-מלאכה און האָט געפירט אַ שטאַרקן קאַמף פאַר די רעכט פון בעל-מלאכה אַליין צו פאַרטיידיקן זיינע אינטערעסן. און אַזוי זיינען ביים דעמאָקראַטיזירן דעם דאַמאָלסטיקן צענטראַל-קאָמיטעט אַריינגעטראָטן 2 פאַרשטייער פון האַנטווערקער-פאַראיין, וועלכע האָבן גלייך געפּועלט, אַז אַלער-אָרט שטיצע, וואָס דער קאָמיטעט גיט אַרויס, זאָל פאַר די מיטגלידער פון פאַראיין אַרויסגעגעבן ווערן דורכן פאַראיין. אין דער זעלבער צייט זייגען די פאָרשטייער פון פאַראיין אַריינגעטראָטן אין די אַלע איבעריקע צענטראַלע אינסטיטוציעס. וואָס זיינען דאַן געווען אין ווילנע.

אַ שווערן קריזיס האָבן איבערגעלעבט די ווילנער בעלי-מלאכות אין דער צייט פון דער ערשטער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע ווען עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער אַלגעמיינער קריזיס בכלל און די רדיפות אויפן בעל-מלאכה בפרט. אמת די אַלע צרות האָבן געדינט פאַר אַ צעמענט צו פאַרשטאַרקן אונזער אָרגאַניזאַציע. די באַקאַנטע אַפּריל-טעג פון 1919 האָבן אינגאַנצן חרוב געמאַכט דעם לעצטן פאַרמעגן פון פאַראיין און עס איז אויסגעקומען אַלץ אָנצוהייבן פון דאָס ניי. דער גאַנצער כּוח פון אונזער אָרגאַניזירטקייט האָט זיך צום ערשטן מאָל אַרויסגעוויזן ביי די וואַלן צו דער ערשטער דעמאָקראַטישער קהילה ווען אויפן האַנטווערקער-צעטל זיינען אויסגעקליבן געוואָרן 7 ראַטמענער און שפּעטער אין שטאָט-ראַט וואו מיר האָבן דורכגעפירט אַ אייגענעם פאָרשטייער. באַזונדערס האָט דער פאַראיין אַכט געלייגט אויף די עקאָנאָמישע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען ספּעציעל געשאַפן געוואָרן פאַרן בעל-מלאכה. אַזוי האָט דער פאַראיין מיטגעווירקט, אַז אין דער יידישער באַנק, וועלכע טראָגט דעם נאָמען האַנטווערקער און קליינהענדלער-באַנק, זאָל דער האַנטווערקער זיין אין אַ גענוגנדער מאָס פאַרטראָטן און זאָל קאָנען ווירקן אויף דער טעטיקייט פון באַנק לטובת דעם בעל-מלאכה. דער פאַראיין האָט אויך אַריינגעפירט אַ געהעריקע פאָרשטייערשאַפט אין דעם קאָמיטעט פון דער געזעלשאַפט „אָרט“. די לעצטע יאָרן האָט די אָרטיקע מאַכט זיך אָנגעהויבן צו רעכענען מיט אונזער אָרגאַניזאַציע און אומעטום וואו די רעגירונג ציט צו געזעלשאַפטלעכע כּוחות ווערן אויך איינגעלאַדן פאָרשטייער פון האַנטווערקער-פאַראיין; אַזוי נעמען אָנטייל אונזערע פאָרשטייער אין די שאַצונגס-קאָמיסיעס ביי דער שטייער-אָפּטיילונג און אין עקאָנאָמישן ראַט ביי דעם דעפּאַרטאַמענט פאַר האַנדל און אינדוסטריע. דעם לעצטן יאָר איז געשאַפן געוואָרן ביים פאַראיין אַ קראַנקן-קאַסע פאַר אונזערע מיטגלידער, וועלכע סטראַכירט פולקום דעם מיטגליד פון אַ קראַנקן-פאַל, ווי אויך אַ צענטראַלער קאָאָפּעראַטיוון-פאַרבאַנד פון די ספּעציעלע פאַך-קאָאָפּעראַטיוון איינצוקויפן רוי-שטאָפן און צודאַטן, אויך אַן אָפּזאַץ-לאַגער פאַר דער אַרבעט פון אונזערע מיטגלידער. די יידישע קאָאָפּעראַטיווע פאָלקס-באַנק רעכנט אונזער צענטראַלע אַלס אַ באַנק און קרעדיטירט אונז מיט געהעריקע סומען. דער פאַראיין ציילט ביי היינטיקן טאָג ביי 1800 מיטגלידער, מיר האָפן אָבער, אַז גאָר אינגיכן וועט ניט בלייבן קיין איין בעל-מלאכה, וועלכער וועט ניט זיין קיין מיטגליד פון פאַראיין. אויפן סדר היום שטייט ביי אונז די פראַגע פון אָרגאַניזירן די בעלי-מלאכות פון דער גאַנצער פּראָווינץ אין באַזונדערע פאַראיינען און דערנאָך אין איין צענטראַלע, וועלכע זאָל אויך האָבן די אויפגאַבע צו באַזאָרגן די בעלי-מלאכות פון דער גאַנצער פּראָווינץ מיט געצייג, מאַשינען און רוי-שטאָפן פון די ערשטע קוועלן, ווי אויך אַרויסצוגעבן פּעריאָדיש אַ האַנטווערקער-אָרגאַן, וועלכער זאָל אַלזייטיק באַלויכטן אונזער לעבן און אויסבעסערן און פאַרשענערן אונזערע פּראָפעסיאָנעלע ידיעות, און דאַן דאָס וויכטיקסטע, אָנטייל צו נעמען אין אַלטעגלעכן געזעלשאַפטלעכן לעבן צוגלייך מיט די איבעריקע אָרגאַניזירטע יידישע כּוחות.

אליעזר קרוק.

# די ווילנער פראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון פאַר די ערשטע צוויי יאָר (1919—1921).

## I.

**די ווילנער** פראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון האָבן זיך אָרגאַניזירט אין יוני 1919 לויט דער איניציאַטיווע פון אַ גרופּע אַרבעטער-טוער, וועלכע זיינען געשטאַנען נאָענט צו די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

דער שרעקלעכער ווירטשאַפטלעכער חורבן, וועלכן די שטאָט ווילנע האָט איבערגעלעבט נאָך פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע ביזן אַריינגיין פון די פּוילישע חיילות אין אַפּריל 1919, האָט כמעט אינגאַנצן אָפּגעשאַפט די פּריוואַטע אינדוסטריע. די פאַבריקן און ווערקשטובן האָבן אָפּגעשטעלט זייער נאָרמאַלע אַרבעט און די אַרבעטסלאָזיקייט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג אַלץ גרעסער און שאַרפער. דאָס אַלץ האָט געטריבן דעם געדאַנק צו שאַפן פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע זיינען איצטער מער באַרופן מיטצווווירקן דער אויסאַרבעטונג פון די נייטיקע סחורות און פּראָדוקטן, אויפצושטעלן אין אַ געוויסער מאָס די צעשטערטע מלאכה און אַרבעט און גלייכצייטיק וויפיל ניט איז צו לינדערן די מוראדיקע אַרבעטסלאָזיקייט.

די הויפּט-יסודות פון די אַלגעמיינע תקנות, וועלכע די אָרגאַניזיר-קאָמיסיע האָט אויסגעאַרבעט צוערשט אַלס פּראָיעקט און וועלכע די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון האָבן דערנאָך באַשטעטיקט, זיינען פאָלגנדיקע:

די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון פירן אויס דערוייל אַרבעט הויפּטזעכלעך נאָר לויט באַשטעלונגען, אָדער זיי שאַפן אַזעלכע סחורות, וועלכע קאָנען תיכף פאַרקויפט ווערן. אַרבעטן סתם פאַרן מאַרק און האַלטן די סחורות אויפן לאַגער איז ביי די אומנאָרמאַלע באַדינגונגען פון דעם ערשטן אָפּעראַטיוו-פּעריאָד געווען בכלל אוממעגלעך און ניט צוועקמעסיק.

ערשט אויפן צווייטן יאָר איז די קאָאָפּעראַטיוון געלונגען טיילוויז אַריבערצוגיין צום פּראָדוצירן סחורות פאַרן לאַגער, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן דערנאָך ביי די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון.

כדי צו פאַרשטאַרקן דעם אינטערעס צו דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבעט, באַדאַרף קיין קאָאָפּעראַטיוו ניט דעקן דעם הפסד פון דעם אַנדערן: יעדן קאָאָפּעראַטיוו געהערט אינגאַנצן דער ריווח, וועלכן ער אַרבעט אויס. צו דערזעלבער צייט אָבער בילדן אַלע פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון איין אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע, וועלכע ווערט אָנגעפירט פון אַ צענטראַל-פאַרוואַלטונג, וואוהין עס גייען אַריין פאָרשטייער צו איינעם פון יעדן קאָאָפּעראַטיוו און צו צוויי פון צענטראַל-ביוראָ פון די פּראָפעסיענעלע פאַראיינען, פון געברויכס-קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער“ און פון די געזעלשאַפטן „אָרט“ און „יעקאָפּאָ“.

די צענטראַל-פאַרוואַלטונג רעגולירט די אַרבעט פון אַלע קאָאָפּעראַטיוון און באַשטימט עפענען נייע קאָאָפּעראַטיוון, ווען זי געפינט דאָס פאַר נייטיק.

אין שטענדיקן רשות פון צענטראַל-פאַרוואַלטונג געפינען זיך אַלע איינאָרדענונגען, מאַשינעס, געצייג וכדומה, וועלכע ווערן אַרויסגעגעבן דעם אָדער יענעם קאָאָפּעראַטיוו, לויט דעם באַדאַרף נאָך. אויף אַזאַ אופן איז שוין פון אָנהייב אָן געווען אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט ניט נאָר פאַר אַן איינצלנעם אַרבעטער, נאָר אַפילו פאַר אַ גאַנצן קאָאָפּעראַטיוו צו בעל-הבתּעווען אויף די מאַשינעס און געצייג, און ווי נאָר ס'פּלעגט זיך דערנאָך טרעפן, אַז אַ קאָאָפּעראַטיוו שטעלט אָפּ צייטווייליק אָדער אַ לענגערע צייט זיין אַרבעט, פלעגן די מאַשינעס און געצייג אָפּגעגעבן ווערן אין לאַגער פון צענטראַל-פאַרוואַלטונג.

אין רשות פון צענטראַל-פאַרוואַלטונג געפינט זיך אויך דער הויפּט-לאַגער פון רוישטאָף און אויסגעאַרבעטע סחורות.

די מיטגלידער פון יעדן איינצלנעם קאָאָפּעראַטיוו קאָנען זיין נאָר רעקאָמענדירטע פון דעם באַטרעפנדן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, וועלכע דאַרפן זיין פאַסנד און פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אַרבעט אין קאָאָפּעראַטיוו.

אַלע מיטגלידער רעכענען זיך פאַר גלייכע אָנטיילנעמער אין דעם פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוו. זיי דאַרפן אַלע זאָרגן פאַר דער פּראָדוקטיוויטעט פון דעם קאָאָפּעראַטיוו; אין פאַל פון ריווח אָדער הפסד געניסן אָדער ליידן אַלע מיטגלידער גלייך, פּראָפּאָרציאָנעל דער אָפּגעאַרבעטער צייט.

בנוגע צו אַלע התחייבותן טראָגט אויף זיך דער גאַנצער קאָאָפּעראַטיוו די אחריות, ד. ה. אַלע זיינען ערב איינער פאַר דעם צווייטן.

יעדער מיטגליד דאַרף אַריינטראָגן אין קאַסע פון קאָאָפּעראַטיוו אַ מיטגלידס-פאַי, די גרויס פון פאַי ווערט באַשטימט פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון אַלע פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון.

ווען אַ מיטגליד האָט ניט די מעגלעכקייט אַריינצוטראָגן דעם פאַי אינגאַנצן ביים אַריינטרעטן אין קאָאָפּעראַטיוו, קאָן דאָס געלט אויסגעצאָלט ווערן אין עטלעכע טערמינען, וועלכע ווערן עויך באַשטימט פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג.

ווען עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אַ וועלכער ס'איז קאָאָפּעראַטיוו ברענגט הפסד, ווערט ער אינגאַנצן פאַרמאַכט אָדער צוגעשטעלט אויף אַ געוויסע צייט.

עד לחשבון, ביז וואַנען עס ווערן פאַרעפנטלעכט די רעזולטאַטן פון דעם קאָאָפּעראַטיוו פאַר יעדערע 6 חדשים, ווערט אויסגעצאָלט די מיטגלידער, אַלס אַוואַנס, אַ באַשטימטע סומע געלט, לויט דער צאָל אַרבעטס-טעג און לויט דעם מינימום טאָג-שכירות, וועלכער איז איינגעשטעלט דורך דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין אין דעם באַטרעפנדן מאָמענט, פאַר דער באַטרעפנדער קאַטעגאָריע— אין שטאָט.

פאַר די טעג, אין וועלכע מען אַרבעט ניט, סיי צוליב דעם, וואָס ס'איז בכלל קיין אַרבעט ניטאָ, אָדער ווען אַ מיטגליד קומט ניט צוליב פּערזענלעכע סיבות אויף דער אַרבעט, ווערט קיין אַוואַנס ניט אַרויסגעגעבן. אין קראַנקהייטס-צופאַלן ווערט יעדעס מאָל די פראַגע באַטראַכט ספּעציעל.

די צאָל שעהן אַרבעט אין טאָג, דער מינימום אַוואַנס, די טאַריפן פאַר יעדער אַרבעט און אַלע אַרבעטס-כללים, ווערן אויסגעאַרבעט אויף די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען אין הסכם מיט די נאָרמען פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

קיין מיטגליד האָט קיין רעכט ניט אָפּצוגעבן פון זיך אַרבעט, ד. ה., ער טאָר ניט האָבן קיין געדונגענע אַרבעטער אָדער מיטהעלפער. אין אויסנאַמס-פאַלן, ווען דאָס איז צייטווייליק אומבאַדינגט נייטיק, קאָן די פאַרוואַלטונג אַליין צודינגען פאַר צייטווייליקע אַרבעט זייטיקע אַרבעטער, וועלכע רעכענען זיך אָבער פאַר גלייכבאַרעכטיקטע מיטגלידער.

מיטגלידער פון קאָאָפּעראַטיוו טאָרן בשום אופן ניט אַרבעטן גלייכצייטיק ביי זיך אינדערהיים אין ווערקשטוב און אָננעמען אויסער דעם קאָאָפּעראַטיוו באַשטעלונגען. יעדער מיטגליד דאַרף מיטווירקן, אַז וואָס מער באַשטעלונגען זאָלן אַריין אין קאָאָפּעראַטיוו.

מיטגלידער, וועלכע פירן זיך שלעכט אויף, וועלכע רירן אָן די אינטערעסן און דעם כבוד פון דעם קאָאָפּעראַטיוו מיט זייערע שעדלעכע און אומזיטלעכע מעשים, אָדער וועלכע שטערן בכלל דער נאָרמאַלער קאָלעקטיווער אַרבעט פון קאָאָפּעראַטיוו, ווערן אויסגעשלאָסן, לויט דעם פאָרשלאָג פון פאַרוואַלטונג, דורך דער באַשטימונג פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג מיט צוויי-דריטל שטימען ביי דעם הסכם פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין.

די פאַרוואַלטונג פון קאָאָפּעראַטיוו האָט אויך רעכט פאָרצולייגן דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אויסצושליסן אינגאַנצן פון קאָאָפּעראַטיוו, מיט דעם הסכם פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, אויב עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די באַטרעפנדיקע פּערזאָן טויג ניט צו דער אַרבעט.

ווען אַ מיטגליד טרעט אַרויס פון קאָאָפּעראַטיוו פאַר דעם אָפּעראַטיוו-פּעריאָד (6 חדשים) צוליב פּערזענלעכע אינטערעסן און ברענגט דערמיט אַ שאָדן דער נאָרמאַלער אַרבעט פון קאָאָפּעראַטיוו, באַקומט ער פון ריווח גאָרנישט. די איבערגעבליבענע דיווידענדן בלייבן לטובת די קאָאָפּעראַטיוון (אַ העלפט אויף איינאָרדענונג פון די קאָאָפּעראַטיוון און אַ העלפט אויף דער פאַרזיכערונגס-און קראַנקן-קאַסע).

פון דעם ריווח, וועלכער ווערט פעסטגעשטעלט נאָכן יעדן דין וחשבון פאַר 6 חדשים, ווערט אויסגעטיילט אַ באַשטימטער דורך דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פּראָצענט פאַר דעם רעזערוו-קאַפּיטאַל (ניט ווייניקער פון 10% פון ריינעם ריווח) אָדער ספּעציעלן קאַפּיטאַל (ניט ווייניקער פון 3%).

דער רעזערוו-קאַפּיטאַל איז באַשטימט אויסשליסלעך אויף צו דעקן די היזקות, וועלכע קענען אַרויסגערופן ווערן אין די אָפּעראַציעס פון דעם קאָאָפּעראַטיוו.

די ספּעציעלע קאַפּיטאַלן בילדן זיך אויף ספּעציעלע צוועקן, אויסצוהאַלטן טעכנישע און לערן-אַנשטאַלטן, פאַרזיכערונגס און קראַנקן-קאַסעס און אַנדערע איינריכטונגען, וועלכע האָבן אַ באַדייטונג פאַר די אַרבעטער.

יעדער קאָאָפּעראַטיוו קלייבט אויס אַ פאַרוואַלטונג און אַ שטענדיקע קאָנטראָל-קאָמיסיע. אַלע חשבונות און געלט-אָפּעראַציעס מוזן באַשטעטיקט ווערן כסדר דורך דער קאָנטראָל-קאָמיסיע.

די פאַרוואַלטונג פון יעדן איינצלנעם קאָאָפּעראַטיוו האָט נאָר די אַלטעגלעכע טעכנישע אָנפירונג מיט דעם באַטרעפנדן ווערקשטוב. די אַלגעמיינע אָנפירונג אָבער, ווי, למשל, עפענען און אָפּשטעלן די טעטיקייט פון די איינצלנע קאָאָפּעראַטיוון, מאַכן הלוואות און דגל. געהערט דער צענטראַל-פאַרוואַלטונג (די צענטראַל-פאַרוואַלטונג איז די יורידישע פּערזאָן פאַר די אינטערעסן פון אַלע איינצלנע קאָאָפּעראַטיוון).

אַלע געלט-אָפּעראַציעס און די אַלגעמיינע בוכפירונג ווערט קאָנצענטרירט

אין דער צענטראַל-פאַרוואַלטונג, וועלכע פירט די חשבונות פון יעדן איינצלנעם קאָאָפּעראַטיוו באַזונדער.

די צענטראַל-פאַרוואַלטונג שטעלט זיך, מיט דעם הסכּם פון דער אַלגע-מיינער פאַרזאַמלונג, אַ באַשטימטן אַמאָרטיזאַציע-פּראָצענט, אַלס ניק-געלט פאַר די מאַשינעס, מכשירים און דגל.

די הוצאות פון צענטראַל-פאַרוואַלטונג ווערן געדעקט דורך אַלע קאָאָפּע-ראַטיוון, לויט דעם מאָדוס, וועלכער ווערט איינגעשטעלט פאַר יעדן אָפּעראַטיוו-פּעריאָד.

אין פאַלן, ווען עס קומען פאָר סיכסוכים צווישן דער צענטראַל-פאַרוואַלטונג און איינצלנע קאָאָפּעראַטיוון, ווערן די באַטרעפנדע פראַגן באַשלאָסן דורך דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג מיט דעם הסכּם פון צענטראַל-ביוראָ פון די פּראָפעסיאָ-נעלע פאַראיינען.

די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג קלייבט אויס אויף יעדן אָפּעראַטיוו-פּעריאָד אַ רעוויזיר-קאָמיסיע פון 3 פּערזאָן.

די צענטראַל-פאַרוואַלטונג קלייבט אויס פון זיך אַ פּרעזידיום מיט אַ הויפּט-פאַרוואַלטער.

דער פּרעזידיום האָט רעכט, ווען די דרינגענדע אינטערעסן פון די קאָאָ-פּעראַטיוון פאָדערן דאָס, אָנצונעמען מיטלען און טריט אויף זיין צייטווייליקער אחריות מיט דעם תּנאי, אַז וועגן דעם זאָל צוזאַמענגעשטעלט ווערן אַ גענויע ערקלערונג צו דער נאָענטסטער זיצונג פון צענטראַל-פאַרוואַלטונג און עס זאָל פון איר באַרעכטיקט ווערן.

.II

באַקומענדיק די ערשטע הלוואה פון „יעקאָפּאָ" אין גרייס פון 40.009 דומישע — לערך 17,000 רובל — מאַרק (לויט דאַמאָלסטיקן קורס), איז די צענט-ראַל-פאַרוואַלטונג צוגעטראָטן צו דער אַרבעט דעם 15-טן יוני 1919, עפענענדיק צוערשט 4 קאָאָפּעראַטיוון: סטאָלערײַ, שניידערײַ, זאָקן-שטריקערײַ און וועשערײַ. די צענטראַל-פאַרוואַלטונג האָט באַקומען די מעגלעכקייט איינצוֹאָרדענען די ווערק-שטובן אין דעם בנין פון דער געוועזענער האַנטווערקער-שול, וואו עס זיינען איבערגעבליבן נאָך אייניקע מכשירים פון די געוועזענע ווערקשטובן. דער גאַנ-צער בנין איז אָבער געווען שרעקלעך פאַרלאָזן, מען האָט געמוזט אָפּגעבן פיל מי און געלט, כּדי ווי גיך איינצוֹאָרדענען דאָרטן די נייע ווערקשטובן.

די צאָל מיטגלידער אין די קאָאָפּעראַטיוון איז פון אָנהייב געווען גאַנץ קליין: סטאָלערײַ—4, שניידערײַ — 2, זאָקן-שטריקערײַ — 3, און וועשערײַ — 7, בס"ה — 16 אַרבעטער.

די ערשטע דריי אויסגערעכנטע פאַכן (וועגן דער וועשערײַ — וועט ווייטער באַזונדער ערקלערט ווערן) זיינען גענומען געוואָרן צוערשט אין באַטראַכט, ווייל מען האָט זיך געוואָלט רעכענען מיט די ספּעציעלע אָרטיקע פאַרהעלטענישן. ווילנע איז אַלע מאָל, פאַר דער מלחמה, געווען אַ גרויסער אינדוסטריע-צענטער פאַר מעבל, זאָקן און קליידער. פון ווילנע פלעגן די דאָזיקע סחורות עקספּאָרטירט ווערן אין פאַרשיידענע שטעט פון רוסלאַנד, און דעריבער האָבן פאַר דער מלחמה עקסיסטירט אַ סך געהעריקע ווערקשטובן פון פּריוואַטע בעלי-מלאכות און דגל. די צענטראַל-פאַרוואַלטונג האָט, נאַטירלעך, געשטרעבט צוריק אויפשטעלן די דאָזיקע פאַכן; די ווייטערדיקע פּראַקטיק האָט אָבער באַוויזן, אַז די פאַרהעלטענישן נאָך דער מלחמה האָבן זיך אינגאַנצן געענדערט, דער מאַרק פון די רוסישע שטעט איז פולקום אָפּגעשניטן געוואָרן פון ווילנע, און די ווייטערדיקע טעטיקייט פון די קאָאָפּעראַטיוון האָט געמוזט אָננעמען אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער.

די אַרבעט פון די קאָאָפּעראַטיוון האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען ביי זייער שווערע באַדינגונגען. די קליינע געלט-מיטלען, וועלכע „יעקאָפּאָ" האָט אויסגעליען, זיינען, נאַטירלעך, צו ווייניק געווען כּדי אָוועקצושטעלן אויף אַ גע-העריקער טעכנישער הייך די ווערקשטובן. די שלעכטע דאַמאָלסטיקע עקאָנאָמישע לאַגע פון דער ווילנער באַפעלקערונג בכלל, האָט כּמעט אָפּגעשאַפט די פּריוואַטע באַשטעלער אויף וועלכע ניט איז אַרבעט, די אָרימע שיכטן האָבן ניט געהאַט פאַרוואָס צו באַשטעלן, די רייכע האָבן דאַמאָלסט קיין פאַרדינסטן ניט געהאַט און האָבן אַלנפאַלס געוואַרט אויף גינסטיקערע צייטן, ווען אַלץ וועט ווערן ביליגער. און דאָ קומט נאָך דער אומצוטרוי מצד פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע קרייזן צו אַן אַרבעטער-אונטערנעמונג בכלל און אַלס אַ קאָאָפּעראַטיווע בפרט, ניט אַלע גלויבן, אַז אַרבעטער וועלן זיין ביכולת אָנצופירן מיט אַ גרויסער ווירטשאַפטלע-כער אינסטיטוציע אין נאָך אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות.

די אַרבעטער אַליין פאַראינטערעסירן זיך אָבער אַלץ מער מיט די פּראָ-דוציר-קאָאָפּעראַטיוון, אויף וויפיל זיי האָבן זיך, ניט קוקנדיק אויף די אַלע שווע-ריקייטן, דאָך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען און ברענגען די אַרבעטער ממשותדיקע נוצן. די אַרבעטער פון די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון זעען מיט אַלע מעגלעכקייטן צוצוציען צו די קאָאָפּעראַטיוון די אויפמערקזאַמקייט פון דער געזעלשאַפט, ווירקן אויף די קהילהשע און געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, אַז אַלע זייערע באַ-שטעלונגען זאָלן איבערגעגעבן ווערן אוממיטלבאַר אין די הענט פון די אַרבע-





טער, אויסמיידנדיק דערביי די אונטערנעמער און פאַרמיטלער. אויף אַזאַ אופן האָבן די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון אָנגעהויבן צו באַקומען אַ סך באַשטעלונגען, ווי געזעלשאַפטלעכע אַזוי אויך פּריוואַטע און גלייכצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרגרעסערן די צאָל קאָאָפּעראַטיוון.

אין עטלעכע חדשים אַרום נאָך דער עפענונג פון די קאָאָפּעראַטיוון, גע-לינגט דער צענטראַל-פאַרוואַלטונג צו ווירקן אויף דעם אַמעריקאַנער הילפסקאָ-מיטעט (ד. ד. ק.), ער זאָל אויסלייען די קאָאָפּעראַטיוון, דורך דער אָרטיקער קאָמיסיע צום פאַרטיילן די אַמעריקאַנער געלט אויף פּראָדוקטיווע צוועקן—די ערשטע סומע פון 50.000 מאַרק. ערשט אין צווייטן האַלביאָר פון ערשטן אָפּעראַטיוו-פּעריאָד, ווען די אַרבעט פון די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַררעקאָמענדירן, איז געלונגען צו באַקומען נאָך הלוואות; אַזוי אַרום איז געמאַכט געוואָרן אין משך פון 2 יאָר הלוואות בס"ה אויף 1,384,217. פון וועלכע אויף איינאָרדענונגען איז פאַר דער גאַנצער צייט אויסגעגעבן געוואָרן 629.169 מאַרק, און מיט די איבעריקע 755.048 מאַרק איז געלונגען צו מאַכן אַ אומזאַץ פון 21.960.907 מאַרק, ד. ה. דער אומזאַץ איז דורכשניטלעך גע-ווען כּמעט אין 30 מאָל גרעסער פון די געמאַכטע אויף דעם צוועק הלוואות.

די הלוואות זיינען געמאַכט געוואָרן אין גרעסטן טייל ביים אַמעריקאַנער הילפס-קאָמיטעט (ד. ד. ק.), און לערך גאָר קליינע הלוואות ביי „יעקאָפּאָ", „אָרט" און אַנד.

דער אומזאַץ איז געוואַקסן אויף פאָלגנדיקן אופן:

| | |
|---|---|
| דער 1-טער האַלביאָר | 1.001.579 |
| „ 2-טער „ | 5.137.918 |
| „ 3-טער „ | 4.201.231 |
| „ 4-טער „ | 11.629.179 |
| בס"ה | 21.960.907 |

דער דריטער האַלביאָר אין געווען דער סאַמע שווערסטער, ווייל דאַ-מאָלסט האָבן זיך געביטן אין ווילנע 3 רעגירונגען, און דער עקאָנאָמישער קריי-זיס, איבערהויפּט פאַר די ליטווינער, איז געווען קאָלאָסאַל גרויס.

די דיווידענדן, ד. ה., חוץ די אָפּרעכענונגען פון רעזערוו-און ספּעציעל-קאַפּיטאַל, וועלכע זיינען אויסגעצאָלט די אַרבעטער לויט יעדן האַלביאָר זיינען פאָלגנדיקע:

| | |
|---|---|
| פאַר דעם 1-טן האַלביאָר | 52.368 |
| „ „ 2-טן „ | 592.984 |
| „ „ 3-טן „ | 124.539 |
| „ „ 4-טן „ | 677.691 |
| ס"ה | 1.447.580 |

אין פּראָצענטן דריקט זיך אויס דער גאַנצער ריווח אויפן פאָלגנדיקן אופן:

| | |
|---|---|
| פאַר דעם 1-טן האַלביאָר | 11% |
| „ „ 2-טן „ | 16% |
| „ „ 3-טן „ | 3% |
| „ „ 4-טן „ | 6% |

דער דריטער האַלביאָר האָט צוליב די אָנגעוויזענע סיבות ניט געקאָנט, נאַטירלעך, ברענגען קיין דיווידענדן, פאַרקערט, אייניקע קאָאָפּעראַטיוון האָבן, צוליב דעם גרויסן קריזיס געליטן נאָך הפסד לערך 50.000 מ', ווייל אַ סך אַר-בעטער זיינען געווען געצוואונגען ניט צו אַרבעטן אין פאַרלויף פון עטלעכע וואָכן צוליב די פּאָליטישע איבערקערענישן, און די צענטראַל-פאַרוואַלטונג, נעמענדיק אין באַטראַכט די קריטישע לאַגע, האָט דאָך באַשטימט אַרויסגעבן די אַרבעטער אַלס אַוואַנס אויף די קומענדיקע אַרבעטן די וועכנטלעכע אויסצאָלונגען לויט די געוויינלעכע אַוואַנס-ליסטן, כּדי געבן די אַרבעטער די מעגלעכקייט איבערצולעבן די שווערע איבערגאַנגס-צייט. דער דעפיציט איז אָבער אינגאַנצן געדעקט געוואָרן דערנאָך דורך דעם רעזערוו-קאַפּיטאַל.

אין 4-טן האַלביאָר באַמערקט זיך בכלל אַ טענדענץ ביי די אַרבעטער מאַכן קלענער די דיווידענדן, פאַרגרעסערנדיק פּשוט די גרייס פון טעגלעכן אַוואַנס.

עס איז באַזונדערס אינטערעסאַנט זיך אָפּצושטעלן אויף די סומען, וועלכע עס זיינען אויסגעגעבן געוואָרן אויף איינאָרדענונג, ד. ה. אויף קויפן מאַשינעס, מכשירים און איינאָרדענען בכלל די איינצלנע ווערקשטובן, כּדי דאָרטן זאָל קע-נען אויסגעפירט ווערן די אָדער יענע אַרבעט.

| | |
|---|---|
| אין ערשטן האַלביאָר איז אויסגעגעבן געוואָרן | 86.917 מאַרק |
| „ צווייטן „ „ „ „ | 189.963 „ |
| „ דריטן „ „ „ „ | 20.471 „ |
| „ פערטן „ „ „ „ | 334.818 „ |
| בס"ה | 632.169 מאַרק |

פון די ציפערן אַליין זעען מיר, אַז ניט נעמענדיק אין באַטראַכט דעם 3-טן האַלביאָר, וועלכער איז געווען אַ שרעקלעכער קריזיס-מאָמענט און איז אַבסאָלוט ניט פּאַסנד געווען פאַר טראַכטן אפילו וועגן וועלכע ניט איז פאַרגרעסערינג, האָבן די אַרבעטער פון די קאָאָפּעראַטיוון די גאַנצע צייט געשטרעבט ווי בעסער אויסצושטעלן די ווערקשטובן אין טעכנישן זין און באַרייכערן זיי מיט מאַשינעס און דגל. די אָנגעוויזענע ציפערן זיינען אָבער לחלוטין ניט כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער איינאָרדענונג, וועלכע די אַרבעטער האָבן געשאַפן אין די קאָאָפּעראַטיווע ווערקשטובן. די אַרבעט אין די קאָאָפּעראַטיוון האָט זיך אָנגעהויבן פּאַקטיש ביי הוילע ווענט מיט איייניקע צערויאינירטע און צעבראָכענע מאַשינעס, וועלכע זיינען געבליבן בירושה אין דעם בנין פון דער געוועזענער האַנטווערקער-שול. איין טייל פון די אויסגעגעבענע אויף איינאָרדענונג געלט איז געווען באַנוצט אויף צו ברענגען פּשוט דעם בנין אין אַזאַ צושטאַנד, אַז מען זאָל דאָרטן קענען בכלל אַרבעטן, און נאָך אַ טייל איז אויסגעגעבן געוואָרן אויף צו קויפן מאַטעריאַל און טיילן פון מאַשינעס, כּדי צו פאַרריכטן די צעבראָכענע מאַשינעס און מכשירים און איינאָרדענען אויך נייע. די גאַנצע שאַפנדיקע אַרבעט, וועלכע איז אויפגעטאָן געוואָרן אין דער הינזיכט פון די אַרבעטער פאַר די צוויי יאָר, קאָן, פאַרשטייט זיך, ניט אילוסטרירט ווערן דורך בוכהאַלטערישע ציפער. די אַרבעטער האָבן באַוויזן אויפצושטעלן צוריק און פון דאָס ניי אַ ריי מאַשינעס און איינריכטונגען, אַריינלייגנדיק דערביי אַ סך מי און ענערגיע. זיי האָבן ווירקלעך באַוויזן אַ גרויסן אינטערעס צום שאַפן די ווירטשאַפט אין די קאָאָפּעראַטיוון, און די ווילנער אַרבעטערשאַפט פאַרמאָגט איצטער אַ רייכטום, וועלכער ווערט אָפּגעשאַצט מער ווי אין 10 מיליאָן מאַרק.

### III.

איידער מיר גייען אַריבער צו דער טעטיקייט פון די איינצלנע קאָאָפּעראַטיוון, דאַרף מען קודם-כּל פעסטשטעלן דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון זייער אַנטוויקלונג פאַר די פאַרגאַנגענע צוויי יאָר. די צאָל קאָאָפּעראַטיוון, און נאָך מער די צאָל באַשעפטיקטע אַרבעטער און די צאָל אַרבעטס-טעג אין יעדן איינצלנעם קאָאָפּעראַטיוו זיינען געווען אין די 4 האַלבע יאָרן גאַנץ פאַרשיידן.

אין 1-טן האַלביאָר האָבן געאַרבעט 16 קאָאָפּעראַטיוון מיט 232 אַרבעטער אין משך פון 11,471 אַרבעטס-טעג;

אין 2-טן האַלביאָר האָבן געאַרבעט 19 קאָאָפּעראַטיוון מיט 402 אַרבעטער אין משך פון 20,144 אַרבעטס-טעג;

אין דריטן האַלביאָר האָבן געאַרבעט 15 קאָאָפּעראַטיוון מיט 264 אַרבעטער אין משך פון 11,788 אַרבעטס-טעג;

אין 4-טן האַלביאָר האָבן געאַרבעט 13 קאָאָפּעראַטיוון מיט 239 אַרבעטער אין משך פון 14,268 אַרבעטס-טעג.

פּאַקטיש האָט זיך געפירט די אַרבעט אין 23 קאָאָפּעראַטיווע ווערקשטובן, אָבער ניט אַלע פאַכן זיינען געווען שטענדיק באַשעפטיקט, איייניקע קאָאָפּעראַטיוון, למשל, האָבן עקסיסטירט אַ געוויסע צייט, און דערנאָך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט זיך, איייניקע האָבן באַוויזן עטלעכע מאָל זיך עפענען און פאַרמאַכן, איייניקע זיינען געווען לכתּחילה געגרינדעט פאַר צייטווייליקע אַרבעט און דגל. די ניט שטענדיקע צאָל באַשעפטיקטע אַרבעטער, וועלכע מען זעט נאָך דייטלעכער ביי יעדן איינצלנעם קאָאָפּעראַטיוו, באַווייזט אונז אויך קלאָר, אַז די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון שטעלן מיט זיך פאָר אַ זייער עלאַסטישע אינסטיטוציע, וועלכע פּאַסט זיך צו אַמבעסטן צו די ספּעציעלע אומנאָרמאַלע עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן פון אונזער צערויאינירטן געגנט. דער עקאָנאָמישער חורבן, די צעשטערטע ווירטשאַפטלעכע יסודות פון דעם אַרומיקן לעבן קאָנען, נאַטירלעך, ניט שאַפן קיין אפילו פאַרהעלטניסמעסיק נאָרמאַלן מאַרק און אָפּזאַץ פאַר דער אָדער יענער סחורה, פאַר דער אָדער יענער אַרבעט. ביי דער געשאַפענער אומנאָרמאַלער און ניט זיכערער לאַגע, ווי אין פּאָליטישער אַזוי אויך אין עקאָנאָמישער הינזיכט, קאָן קיין רייד ניט זיין וועגן אַ נאָרמאַלער פּראָדוקציע. מיר האָבן צו טאָן אַלץ מיט פאַרשיידענע צופעליקייטן, וועלכע ס'איז אַבסאָלוט שווער פּאָראויסצוזען, מיר שטויסן זיך אַלץ אָן אויף דעם סאָציאַל-עקאָנאָמישן קדחת, פון וועלכן מיר וועלן ניט אַזוי גיך זיך באַפרייען. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס פּריוואַטע אונטערנעמער האָבן איצט ווייניק חשק צו באַשעפטיקן זיך מיט פּראָדוצירונג, און פאַרנעמען זיך גערנער מיט האַנדל, ספּעקולאַציע און דגל.

די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון האָבן באַוויזן צו שאַפן אַזאַ אַפּאַראַט, וועלכער איז גראָד באַרופן צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט און געבן זיי די מעגלעכקייט צו קאָנצענטרירן זייערע פּראָדוצירנדיקע כּוחות אַרום דער אָדער יענער אַרבעט, וועלכע לאָזט זיך אין דעם אָדער יענעם מאָמענט.

אין דעם ערשטן יאָר, ווען דער פּריוואַטער פאַרבראויכער איז געווען כּמעט אינגאַנצן שוואַך, דער פּריוואַטער באַשטעלער איז געווען אַ זעלטענער גאַסט, און די אַרבעטסלאָזיקייט איז געוואָרן אומגעהויער גרויס, איז דער שווערפּונקט פון די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון געלעגן אין די געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן. אַדאַנק דעם, וואָס די אַרבעטער אין די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון האָבן באַקומען די מעגלעכקייט אויסצופירן אַרבעט אוממיטלבאַר אָן אונטערנעמער און פאַרמיטלער, איז געוואָרן מעגלעך צו מאַכן אַ דרוק, למשל, אויף דער קהילה, וועלכע האָט דאַמאָלסט געבאַלעבאַטעוועט אויף די אַמעריקאַנער געלטער פאַר הילפס-צוועקן, אַז די הילף זאָל געגעבן ווערן אין פאָרם פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון האָבן ווירקלעך דאַן באַקומען אַ ריי באַשטעלונגען פאַר די בוי-פאַכן, וועלכע האָבן דאַמאָלסט שטאַרק אָפּגעלעבט. שפּעטער איז אויך אויף אַזאַ אופן געלונגען צו באַקומען פון אַמעריקאַנער ד. ד. ק. גרויסע באַשטעלונגען אויף שיך און קליידער, וועלכע האָבן באַדאַרפט פאַרטיילט ווערן צווישן די נויטבאַדערפטיקע. צו דערזעלבער צייט האָבן די אַרבעטער פון די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון געווירקט אויף אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן, אַז זייערע לויפנדע באַשטעלונגען זאָלן אויך אָפּגעגעבן ווערן אוממיטלבאַר די פּראָדוצירער. אַזוי אַרום, איז דער ערשטער אָפּעראַטיווער יאָר דורכגעגאַנגען אונטער די לאָזונגען: „אַרבעט פאַר אַרבעטסלאָזע", „געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אוממיטלבאַר דורך די פּראָדוצירער", און די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון האָבן באַוויזן דורכצופירן אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט אין דער דאָזיקער ריכטונג, זיי האָבן געדינט אַלס אַ שאַרפע ווערקצייג אין קאַמף מיט דער אַרבעטסלאָזיקייט אין די שרעקלעכסטע מאָמענטן פון דעם ווילנער אַרבעטער-לעבן.

אָבער שוין אין דעם ערשטן יאָר האָבן די אַרבעטער פאַרשטאַנען, אַז די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט איז נאָר אַ צייטווייליקע זאַך, וועלכע קאָן אַבסאָלוט ניט בילדן דעם יסוד פון די קאָאָפּעראַטיוון. איייניקע קאָאָפּעראַטיוון האָבן פון אָנהייב אָן געשטרעבט צו פאַרבינדן זיך מיט פּריוואַטע באַשטעלער, מיטן פרייען מאַרק. ניט פאַר אַלע קאָאָפּעראַטיוון איז דאָס געווען, נאַטירלעך, מעגלעך אין דער ערשטער צייט, צוליב די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון דעם פאַך, אָבער ביסלעכווייז זיינען כּמעט אַלע קאָאָפּעראַטיוון אַריבער אויף דעם וועג, און דער צווייטער יאָר איז שוין דורכגעגאַנגען הויפּטזעכלעך אין אַרבעט פאַרן פּריוואַטן באַשטעלער. די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס האָבן געגעבן אַרבעט די קאָאָפּעראַטיוון, אַלס איינע פון די באַשטעלער, אויף וויפיל דאָס האָט זיי נאָר געלוינט. די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון הייבן אָן אָוועקצושטעלן זיך אויף מער זיכערע יסודות, די ווירטשאַפטלעכע אָנפירונג פון די אַרבעטער ווערט אַלץ שטאַרקער, און די קאָאָפּעראַטיוון פאַרנעמען אַלץ אַ גרעסערן אָרט אויף דעם עקאָנאָמישן געביט פון אָרטיקן לעבן.

און ווידעראַמאָל, די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון האָבן באַוויזן איינשטעלן זייער אַרבעט אַזוי, אַז מען זאָל קאָנען בעסער באַהערשן דעם ניט רעגלמעסיקן מאַרק, דעם פאַרשיידנאַרטיקן באַשטעלער, וועלכער פאַרנעמט איצט אַזאַ באַדייטנדיקן אָרט אין דער אַרומיקער מסחר-וועלט און דגל. דערמיט דערקלערט זיך, וואָס עס עפנט זיך און פאַרמאַכט זיך דער אָדער יענער קאָאָפּעראַטיוו, וואָס אין איינעם און דעמזעלביקן קאָאָפּעראַטיוו אַרבעט פון צייט צו צייט אַ פאַרשיידענע צאָל אַרבעטער, וואָס עס גרינדן זיך צייטווייליקע קאָאָפּעראַטיוון און דגל.

**ב. האַלפּערן.**

# די ווילנער ליי-און שפּאַר-קאַסע (יידישע באַנק).

מיט גרויס מי און פּיל ענערגיע איז אַ גרופּע ווילנער כלל-טוער מיט בצלאל אַלטשולער און אַדוואָקאַט סטראַשון בראש געלונגען צו גרינדן אין ווילנע אין יאָר 1898 אַ ליי-און שפּאַר-קאַסע פאַר האַנטווערקער און קליינהענדלער.*) דער סטאַטוט איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דעם פינאַנסמיניסטער דעם 28 פעברואַר און די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען דעם 5 יולי דעם זעלבן יאָר.

אין דער פאַרוואַלטונג זיינען אַריין. י. קאַבאַטשניק, א. ניישול, פּ. פּאַפּירנאַ, י. טראָצקי, און צ. אַלטשולער; קאַנדידאַטן: י. קאָלפּעניצקי, י. סעגאַל און אַ. באַרילקע; אין אויפזיכטסראַט: אַ. זשוק, א. שאַבאַד, א. קוקסעס, מ. אַלטשולער, י. גאָלדבערג און אַ. אַבראַמסקי. אַלס טעכנישער אָנפירער און בוכהאַלטער איז איינגעלאַדן געוואָרן ב. האַלפּערן.

דעם 21 יולי 1898 יאָר הייבט אָן די קרעדיט-חברה איר טעטיקייט און זי ווערט באַלד אַזוי פּאָפּולער אין שטאָט, אַז די צאָל חברים וואַקסט פון טאָג און דערגרייכט צום 31 דעצעמבער פון דעם גרינדונגס-יאָר ביז 1095 מיט אַרויסגעגעבענע הלוואות אויף אַ סומע פון 26,548 רובל. פאַרשטייט זיך, אַז פון די צענרובלדיקע פּאַיעס, וואָס יעדער חבר האָט אַריינגעטראָגן אין קאַסע, אַלס שותף אין געשעפט, האָט ניט געקענט ווערן קיין גענוגדיקער אומזאַץ-קאַפּיטאַל צו באַפרידיקן די נויט אין קרעדיט פון אַלע חברים, און מ׳האָט געמוזט צוציען וואָס מער געלט פון זייטיקן עולם. אין דעם פּרט האָט זייער פיל מיטגעהאָלפן דער דאַמאָלסטיקער שטאָט-מגיד, הרב מאיר-נח לעווין, אַריינטראָגנדיק אין קאַסע דריי טויזנט רובל אויף אַ יאָרלעכן טערמין. ס׳איז אויך אַרויסגעלאָזט געוואָרן אַ בלעטל אויף יידיש און רוסיש, רעדאַקטירט פון א. ניישול און ב. האַלפּערן, וואו ס׳איז אויפגעקלערט געוואָרן די זיכערקייט פון דער ליי-און שפּאַר-קאַסע און אַז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג דאַרף האַלטן דאָס פרייע געלט אירע אין דער אייגענער חברה.

אַז דאָס האָט טאַקע געהאַט אַ גרויסע ווירקונג, איז צו זעען פון דעם, אַז צום ערשטן יאַנואַר 1899 איז אין גאַר קליינע, פון דער באַפעלקערונג אָפּגעשפּאָרטע, געלט-סומעס שוין געווען אַרום 14,000 רובל, און דאָס איז געווען דער פונדאַמענט, אויף וועלכן ס׳האָט זיך געפירט די ווייטערדיקע אַרבעט. די צאָל חברים צום סוף 1899 האָט דערגרייכט 2106, פון זיי: 857 בעל-מלאכות, 827 קליינהענדלער, 184 גרעסערע סוחרים און 238 מענטשן פון פאַרשיידענע פּראָפעסיעס. דער סכום אַרויסגעגעבענע הלוואות איז געווען 63,033 רובל. לויטן סטאַטוט איז דער מאַקסימום פון אַ הלוואה פאַר יעדן איינציקן חבר געווען 80 רובל. אין דעם זעלבן יאָר טראָגן אַריין די יורשים פון משה לעווין טויזנט רובל אַלס אַ אייביקן פאָנד. די פּראָצענטן פון דעם פאָנד דאַרפן פאַרווענדט ווערן אויף שטיצע די חברים אָדער זייערע פאַמיליעס ביי אַ אומגליקס-פאַל.

אין יאָר 1900 פאַרנעמט זיך שוין די קרעדיט-חברה מיט פאַרמיטלונגס-אָפּעראַציעס, דערהויפּט פאַר אירע מיטגלידער-סטאָליאַרעס. זי עפנט סקלאַדן, נעמט דאָרטן צו אויסגעאַרבעטע סחורה און אָרגאַניזירט דעם פאַרקויף. די אָפּעראַציעס זיינען געגאַנגען דריי יאָר, נאָר צוליב איניקע וויכטיקע סיבות זיינען זיי דאַן איבערגעגעבן געוואָרן מיט אַ קאַפּיטאַל פון דריי טויזנט רובל דער געזעלשאַפט „הילף דורך אַרבעט“.

---

*) דאָס איז געווען די צווייטע ליי-און שפּאַר-קאַסע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן פון יידן און פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. די ערשטע איז געווען אין פּאַריטש (אַ קליין שטעטל מינסקער גובערניע), וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1897.



אין יאָר 1902 האָט דער באַוואוסטער מאָסקווער כלל-טוער וו. הרכבי מנדב געווען טויזנט רובל און מיט אַ געוויסער צייט שפּעטער—נאָך פינף טויזנט רובל, אַרויסצוגעבן פון דער סומע הלוואות דעם אָרימסטן טייל פון דער באַפעלקערונג, וועלכע האָט ניט געקאָנט האָבן קיין זשירעס און איז ניט געווען קרעדיטפעאיק אפילו אויף 30 רובל, וואָס די קאַסע פלעגט דאַן אַרויסגעבן אויף אייגענעם צוטרוי. דאָס איז געווען אַ עלעמענט פון צדקה, וואָס די קרעדיט-חברה אַלס אַזעלכע האָט ניט געקאָנט טאָן אויף איר אייגענעם חשבון. דער פאָנד איז געווען נאָר אויף צו דעקן די היזקות, און די דער אָרימער באַפעלקערונג פאַרליענע געלט-מיטלען זיינען געווען אַ סך גרעסערע. מיט דער צייט איז דער פאָנד אַריבער אין רשות פון דער געזעלשאַפט „יק״א“.

אין יענער צייט איז שוין די ווילנער ליי-און שפּאַר-קאַסע געוואָרן אַ מוסטער פאַר די אַלע יידישע ליי-און שפּאַר-קאַסעס, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אין גאַנצן קאַנט. די אַנטוויקלונג און אויפבליאונג פון דער ווילנער קרעדיט-חברה האָט באַוויזן, אַז דער יידישער עקאָנאָמישער לעבן איז שטאַרק אָפּהענגיק פון קרעדיט און האָט אויך געווירקט דערויף, אַז צדקה-חברות זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין חברות אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, וועלכע זיינען אימשטאַנד צו אַנטוויקלען די זעלבסטטעטיקייט פון דער באַפעלקערונג און אויפוועקן זי צו זעלבסטהילף. צום 31 דעצעמבער 1904 ציילט שוין די קאַסע 3644 חברים, די אַרויסגעגעבענע הלוואות דערגרייכן די סומע פון 277,000 רובל, די איינגעלייגטע דעפּאָזיטן שטייגן אַריבער 435,000 רובל מיט אַ יערלעכן אומזאַץ פון איבער 2 מיליאָן 800 טויזנט רובל.

אַזוי איז געגאַנגען די טעטיקייט פון דער ווילנער קרעדיט-חברה ביז דער צווייטער העלפט פון יאָר 1905. אין דער צייט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע לעבט זי איבער אַ קריזיס. די אַלגעמיינע אַגיטאַציע אַרויסצונעמען דאָס געלט פון די בענק און אויסבייטן עס אויף גאָלד, דער באַנקראָט פון צוויי באַנקהייזער אין שטאָט האָבן געווירקט, אַז אויך צו דער ווילנער קרעדיט-חברה האָט זיך דער עולם אַ לאָז געטאָן אַרויסצונעמען זיין ביסל געלט, און טאַקע דאַן האָט זיך אַרויסגעוויזן דער געזונטער יסוד, אויף וועלכן די ווילנער ליי-און שפּאַר-קאַסע איז געשטאַנען: אַלע, וואָס האָבן געפאָדערט זייערע געלט, האָבן עס באַקומען אויסגעצאָלט צו דער צייט און נאָך מיט די פּראָצענטן, וועלכע זיי האָט געקומט. נאַטירלעך האָט דאָס צייטווייליק געשטערט די נאָרמאַלע טעטיקייט פון דער קאַסע. אויף אַ פּאָר חדשים האָט זי געמוזט אָפּשטעלן די קרעדיטן און קיין נייע הלוואות ניט אַרויסגעבן. אין רעזולטאַט איז $60\%$ פון דעם פרעמדן געלט אויסגעצאָלט געוואָרן און ס׳איז פאַרבליבן אַ קלענערע טייל, דערהויפּט פון דעם געלט, וואָס איז אַוועקגעלייגט געווען אויף באַשטימטע צוועקן און אויף באַשטימטע טערמינען.

די דאָזיקע צייט איז געווען אַ עקזאַמען פאַר דער קרעדיט-חברה, און אַזוי ווי זי האָט אים אויסגעהאַלטן גלענצנד, איז נאַטירלעך נאָך גרעסער געוואָרן דער צוטרוי פון דער באַפעלקערונג צו זיין אינסטיטוציע,—נאָך מערער און באַדייטנד גרעסערע סומעס האָבן אָנגעהויבן אַריינפליסן אין דער קאַסע, און מ׳האָט שוין געמוזט פאַרקלענערן די פּראָצענטן פאַר די דעפּאָזיטן. אויך די צאָל חברים ווערט גרעסער פון יאָר צו יאָר. אין

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| 1906 | יאָר | איז | געווען | חברים | 3576 |
| 1907 | „ | „ | „ | „ | 3986 |
| 1908 | „ | „ | „ | „ | 4591 |
| 1909 | „ | „ | „ | „ | 4834 |
| 1910 | „ | „ | „ | „ | 5637 |
| 1911 | „ | „ | „ | „ | 6145 |
| 1912 | „ | „ | „ | „ | 6856 |
| 1913 | „ | „ | „ | „ | 7455 |

לפי-ערך פארגרעסערט זיך אויך די סומע פון די ארויסגעגעבענע הלוואות. אין יאר 1909 ווערט געענדערט דער סטאטוט, לויט וועלכן די נארמע פון די הלוואות פאר יעדן איינצעלנעם חבר דערגרייכט ביז דריי הונדערט רובל. צום סוף יאר 1913 דערגרייכט די סומע ארויסגעגעבענע הלוואות 659,678 רובל, די איינגעלייגטע פרעמדע געלטן—1,300,813 רובל און דער גאנצער אומזאץ—איבער 13 מיליאן רובל. די צאל מענטשן, וואס האבן אנגעטרויט זייער ביסל געלט דער שפּאר-קאסע שטייגט איבער 6000. מ'קאן דרייסט זאגן, אז אין ווילנע איז ניט געווען קיין יידיש הויז, וועלכעס האט אדער געליען געלט אדער געקליבן געלט אין דער יידישער לײַ-און שפּאר-קאסע.

א פינאנסיעלע אינסטיטוציע—איז א באראמעטער פון דעם גאנצן לעבן. גייט דאס שלעכט אין געזעלשאפטלעכן לעבן, פארערגערן זיך די סאציאל-עקאנאמישע באדינגונגען, אדער ווערט טונקל דער פאליטישער האריזאנט—אזוי רופט זיך דאס גלייך אפּ אויף דער קרעדיט-אינסטיטוציע. די גאנצע קראפט, וואס די ווילנער לײַ-און שפּאר-קאסע האט אנגעזאמלט אין משך פון לאנגע יארן, די ווירקונג, וואס זי האט געהאט אויפן עקאנאמישן לעבן, איז צונישט געווארן אין די יולי-טעג פון יאר 1914. די גרויסע קאטאסטראפע, וואס האט געטראפן די גאנצע מענטשהייט נאכן אויסבראך פון דער וועלט-מלחמה האט ניט אויסגעמיידט אויך די קאסע. זי האט געצאלט אלע אירע חובות, געצאלט אפילו מיט פראצענטן, אבער זי איז געבליבן סוף-כל-סוף אן א אומזאץ-קאפיטאל און וואס פאר א טעטיקייט האט זי געקאנט ארויסווייזן אן געלט?

אין יאר 1915 הייבט זיך שוין אן די עוואקואציע. א גרויסער טייל פון דער באפעלקערונג צעלויפט, ס'לויפן נאטירלעך אויך די בענק, קאמערציעלע אונטערנעמונגען און אלע די, וואס האבן נאר די מעגלעכקייט געהאט דערצו. וואס זאל טאן די ווילנער לײַ-און שפּאר-קאסע? צי דארף זי זיך אויך עוואקואירן? ביי די אנפירער פון דער קאסע איז גאר קיין פראגע ניט געווען, אז זי דארף זיך איינפּאקן, ווארים אויף אלץ האבן זיי געהאט נאר איין ענטפער: וואס וועט די קאסע דא טאן? און דאך אדאנק דעם ענערגישן פראטעסט פון צוויי פארשטייער (ש. ברוידא און ב. האלפערן) איז די ווילנער לײַ-און שפּאר-קאסע געבליבן אויף איר ארט און איצט קאן מען זאגן, אז דערפאר איז זי אויך געבליבן עקסיסטירן און ניט דערטרונקען געווארן אין רוסישן כאאס.

דער שווערער פרעס פון דער אקופּאציע האט אויך אזוי שווער און גרויזאם געדריקט די קרעדיט-חברה, אזוי ווי ער האט געדריקט דאס גאנצע לעבן אין אלע אופנים, די אכזריות פון דער פרעמדער מאכט האט געלייגט א שטעמפּל אויף אלץ, וואס האט פונקציאנירט און עקסיסטירט אן שום אויסנאמען. און גראד אין דער צייט האט זיך ארויסגעוויזן, ווי נייטיק עס איז אזא פינאנס-אינסטיטוציע פאר דער באפעלקערונג; זייער אפט פלעגן דא פארקומען פארזאמלונגען צו באטראכטן די פראגן וועגן הונגער און נויט. האבן ארויפגעלייגט די אקופּאנטן א קאנטריבוציע—אזוי איז מען געקומען אין דער יידישער באנק אריין און דא געקליבן דאס געלט, האבן זיך די קליינהענדלער פאראייניקט און געדארפט האבן אויף דער ערשטער צייט א קליינעם אומזאץ-קאפיטאל—אזוי האבן זיי זיך געווענדט צו דער באנק. קיין ממשותדיקע און וויכטיקע זאכן האט די באנק, אמת, ניט געקאנט אויפטאן, איינס אבער מעג מען זאגן—אז דאס איז פארט געווען א אייגענע, א יידישע אינסטיטוציע, וועלכע האט צוזאמען מיט דער גאנצער יידישער באפעלקערונג דורכגעלעבט די ערגסטע און שווערסטע צייטן.

---

אין יאר 1919, ביי דער ממשלה פון דער ראטנמאכט, איז אוועקגעשטעלט געווארן אונטער א פראגעצייכן די גאנצע עקסיסטענץ פון דער קרעדיט-חברה. די מזומנים זיינען רעקווירירט געווארן, די טעטיקייט איז פארבאטן געווארן און אין אזא צושטאנד האט זי זיך געפונען ביז מאי פון דעם זעלבן יאר. נאר אדאנק דער איניציאטיווע פון אייניקע אלטע מיטגלידער פון דער פארוואלטונג, וואס האבן זיך אומגעקערט פון רוסלאנד, האט זי אנגעהויבן ווידער צו פונקציאנירן, ס'זיינען געשאפן געווארן ניט קיין גרויסע געלט-מיטלען, ס'איז אויך געלונגען צו באקומען 100,000 מארק פון „דזשאינט דיסטריביושן קאמיטע" און אזוי האט די קאסע אנגעהויבן ארויסצוגעבן הלוואות, אויסצוצאלן די אמעריקאנער אנווייזונגען און אז. וו.

אין יאר 1920 קומט פאר די איבערקאנסטרואירונג פון דער פארוואלטונג און ראט. די אנפירונג פון דער קרעדיט-חברה גייט אריבער אין די הענט פון די האנטווערקער און קליינהענדלער, וועלכע, צוזאמען מיט אייניקע אינטעליגענטע קרעפטן, ווערן די גאנצע בעלי-בתים פון דער אינסטיטוציע. ס'ווערט אויסגעקליבן א פארוואלטונג און ראט פון אט די פערזאנען:

פארוואלטונג: א. גארדאן, נ. קאווארסקי, א. קרוק, י. טראצקי, ש. ברוידא, נ. עפשטיין, ש. גורוויץ, מרדכי ראבינאוויטש, צ. וועוויער; קאנדידאטן—דניאל געצעלס, ש. אפמאן; אויפזיכטסראט: מ. אלקעניצקי, ד. וועקסלער, אינזשעניער מאקאווער, ר. מ. לעווין, י. ווידוצאנסקי, פ. טורעץ, ק. אושאיעוו, צ. ווײַן, ס. רעפעס, ש. יעזערסקי, א. קרוק, מ. ראכמאן. באפולמעכטיקטער: ב. האלפערן.

אין איצטיקן מאמענט איז שוין די ווילנער לײַ-און שפּאר-קאסע דער צענטער פון יידישן עקאנאמישן לעבן. אלע פראדוקטיווע עלעמענטן קריגן קרעדיטן ביז 20.000 פוילישע מארק און אין אויסנאם-פאלן אויך ביז 50,000 פוילישע מארק. אלע חודש ווערט ארויסגעגעבן הלוואות איבער 6 מיליאן פוילישע מארק, די צאל חברים פארגרעסערט זיך און די טעטיקייט ווערט אלץ אינטענסיווער. די געזעלשאפט „יק"א" האט אויסגעליען דער קאסע 200,000 פראנק, ס'גייט אויך אריין א סך געלט פון זײַטיקן עולם, און אויף אזא אופן האט די ווילנער קרעדיט-חברה פארנומען ווידער איר געהעריקן גרויסן ארט אין אונזער שטאט.

אווגוסט 1921.



ד"ר י. ראָפּעס.

# די טעטיקייט פון „אָזע" אין ווילנע.

**פ אַ ר ד ע ר ע ו ואַ ק ו אַ צ י ע פ ו ן ו ו י ל נ ע ד ו ר ך ד ע ר ר ו ס י ־ ש ע ר מ אַ כ ט.**

די געזעלשאַפט צו פאַרהיטן דאָס געזונט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד („אָזע") האָט זיך געגרינדעט אין פּעטערבורג נאָך פאַר דער מלחמה און האָט זיך געשטעלט דאָס ציל אויסצופאָרשן די געזונטהייטס־באַדינגונ־ גען פון יידישן לעבן און אָרגאַניזירן די יידישע געזעלשאַפטלעכע מעדיצין אין תחום. באַזונדערס האָט זיך אַנטוויקלט די אַרבעט פון „אָזע" נאָכן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה. האָבנדיק איר צענטער אין דער רוסישער הויפּטשטאָט, האָט זי איר ברייטע און פאַרצווייגטע אַרבעט געפירט דאָרטן, וואו ס'האָט צום שטאַרקסטן זיך געפילט די נויט און זיך געפאָדערט די גיכע הילף: אין די ערטער פון אַלטן תחום, פון וואַנען עס איז געגאַנגען דער גירוש פון יידן פריער צוליבן בילבול אין שפּיאָנאַזש און שפּעטער אין צוזאַמענהאַנג מיטן אָפּ־ טרעטן פון דער רוסישער אַרמיי, און אויך אין די נייע יידישע ישובים אין די רוסישע שטעט. שוין דאַן, סוף 1914 און אָנהייב 1915, זיינען אין ווילנע דורך אַ באַפולמעכטיקטן פון „אָזע" אָרגאַניזירט געוואָרן 2 קיכן פאַר קינדער, 2 קינדערהיימען, 1 אַרבעטער־קיך. די אַרבעט איז אָבער איבערגעריסן געוואָרן דורך דער עוואַקואַציע און אין משך פון די יאָרן 1915—1918 פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז קיין אַרבעט אין ווילנע אונטער דער פאָן פון „אָזע" ניט געפירט געוואָרן. פאַר דעם דאָזיקן משך צייט איז אָבער צוגעגרייט גע־ וואָרן דער באָדן פאַר דער ווייטערדיקער אַרבעט פון „אָזע" אין ווילנע.

**י אָ ר 1919.**

דער פאַרשטאָרבענער ד"ר אברהם מאַקאָווער האָט די דאָזיקע יאָרן פאַרבראַכט אין פּעטערבורג, וואו ער האָט זיין גאַנצע געזעלשאַפטלעכע ענערגיע אָפּגעגעבן „אָזע", אַלס מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט און אַקטיווסטער אָנטייל־ נעמער אין אַ ריי קאָמיסיעס. דאָ אין ווילנע האָט אין די גרויזאַמע יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע די אַרבעט פון קינדער־דערנערונג און מעדיצינישער הילף געפירט „די געזעלשאַפט פאַר מעדיצינישער און אַפּראָוויזאַטאָרישער הילף" מיטן ד"ר שאַבאַד בראש. און בעת ד"ר מאַקאָווער האָט זיך סוף 1918 אומגעקערט קיין ווילנע, האָט ער געשטרעבט די גאַנצע ערפאַרונג פון רוסישער „אָזע", די אַלע ברייטע פּלענער אירע פאַרווירקלעכן אין זיין היימישער שטאָט און האָט גלייך אָנגעהויבן צו אַרבעטן וועגן שאַפן אַן אָפּטיילונג פון „אָזע" אין ווילנע. דאָס האָט אָנגעטראָפן אויף שוועריקייטן גראָד מצד די, אויף וועמענס מיטהילף מ'האָט געקאָנט האָפן. די אָנהענגער פון דער קהילה, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין שאַפן, און האָט געשטרעבט אַרונטערצונעמען אונטער זיך אַלע צווייגן פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָבן אין דער גרינדונג פון „אָזע" געזען אַ געפאַר פאַר זייער אידעע. און דער יידישער דאָקטוירים־פאַראיין האָט געהאַלטן, אַז יידישע געזעלשאַפטלעכע מעדיצינישע אַרבעט איז זיין זאַך, און דעריבער דאַרף מען קיין „אָזע" ניט האָבן. דאָ האָט געהאָלפן די אַמבולאַ־ טאָריע, וואָס איז איבערגעבליבן פון דער „געזעלשאַפט פאַר מעדיצינישער און אַפּראָוויזאַטאָרישער הילף".

אַ קרייז פון דאָקטוירים און טוער האָט געגרינדעט אַ קאָמיטעט „אָזע" און האָט באַקומען אין זיין רשות די דאָזיקע אַמבולאַטאָריע, וועלכע איז אויף אַזאַ אופן געוואָרן די ערשטע אַנשטאַלט פון „אָזע" אין ווילנע. ד"ר מאַקאָווער האָט פּערזענלעך אָנגעהויבן אָנצונעמען קראַנקע קינדער אין דער אַמבולאַטאָריע און האָט איבערגענומען די אָנפירונג. אין אַ קורצער צייט האָט ער צוגעצויגן נאָך דאָקטוירים און האָט איינגעפירט אויפנאַמען פון ספּעציאַליסטן אויף אַלע מינים קראַנקהייטן. אין דעמזעלבן יאָר האָט „אָזע" איבערגענומען די קאָלאָניע פאַר שוואַכע שול־קינדער אויף אַנטאָקאָל, די צווייטע אַנשטאַלט, וועלכע האָט געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע, העלפנדיק די ווילנער קינדער קומען צו זיך נאָך דער אָקופּאַציע, און האָט געראַטעוועט פיל פון זיי פון טובערקולאָז. אין דעמזעלבן יאָר איז אויך געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר דער צוקונפטיקער סעקציע שול־דאָקטוירים. לויט דער איניציאַטיוו פון ד"ר מאַקאָווער און אַדאַנק זיינע באַמיאונגען האָט זיך איינגעגעבן דורכצופירן אין דער קהילה, וואו עס איז געווען. דאַן קאָנצענטרירט דאָס גאַנצע שולוועזן, דעם באַשלוס, אַז אין אַלע שולן מוזן זיין שול־דאָקטוירים, וועמענס געהאַלט גייט אַריין אין ביודזשעט פון די שולן. אין בילדונגס־אָפּטיילונג פון דער קהילה איז געשאַפן געוואָרן אַן



אַמט פון אַ שול־אינספּעקטאָר. אויף אַזאַ אופן איז די פינאַנסירונג פון דער שול־מעדיצין געווען געזיכערט מצד דער קהילה. „אָזע" האָט געהאַט די אָנפי־ רונג איבער דער אַרבעט דורך דער סעקציע שול־דאָקטוירים ביי „אָזע".

אויסער דער אָרגאַנישער אַרבעט איז אין משך פון יאָר 1919 אויך געפירט געוואָרן אַ גרויסע אַרבעט, וועלכע האָט געטראָגן אַן איינמאָליקן אָדער צייטווייליקן כאַראַקטער און וועלכע מ'וואָלט געקאָנט צורעכענען צו דער קאַטעגאָריע „דרינגלעכע הילף". ביי דער אַמבולאַטאָריע אויף פּאָהוליאַנקע 15 האָט פונק־ ציאָנירט אַ קיך פאַר מוטערס און קליינע קינדער, וועלכע האָט באַפרידיקט אַ ברענענדיקע נויט אין דעם ערשטן שווערן יאַר נאָך דער אָקופּאַציע. אין דעם שווערן זומער גלייך נאָך די שרעקלעכע אַפּריל־טעג, וועלכע האָבן געהאַט אַזאַ גרויסע מאָראַלישע ווירקונג אויף די יידישע קינדער, האָט „אָזע" איינגעאָרדנט אין אַ ריי פּונקטן פון שטאָט שפּילפּלעצער.

פאַרן 1919 יאָר האָט די הוצאה פון „אָזע" באַטראָפן 181,270 מאַרק, אויף וואָס „אָזע" האָט געהאַט הכנסה 222,344 מ. פון אָט די מקורים: פון „יעקאָפּאָ", ד. ה. אַמעריקאַנער געלטער—32%, דירעקט פון ד.ד.ק—14%, פון דער קהילה, וועלכע האָט אויך עקסיסטירט אויף. אַמעריקאַנער מיטלען—12%, פון סקאַנדינאַווישן יידישן הילפס־קאָמיטעט ספּעציעל פאַר דער קאָלאָניע—16%, ס"ה פון יידישע הילפס־אָרגאַניזאַציעס פון מערב 74%, פון רוסישן צענטראַלן קאָמיטעט „אָזע"—24% און פון אייגענע הכנסות—2%.

**י אָ ר 1920.**

דאָס פאַרגאַנגענע יאָר 1919 האָט געלאָזט אומפאַרווירקלעכט, אָבער אינגאַנצן צוגעגרייט אַ פּלאַן פאַר אַ נייער וויכטיקער אַנשטאַלט—פאַר דער קאָנ־ סולטאַציע פאַר זויגנדיקע מוטערס מיט דער מילך־קיך, וואָס טראָגט דעם פּאָ־ פּולערן נאָמען „טראָפּן מילך". שוין אין די ערשטע מאָנאַטן פון יאָר 1919, נאָך פאַר די באָלשעוויקעס, איז קיין פּעטערבורג דעלעגירט געוואָרן ד"ר בראָדסקאַיאַ, וואו זי האָט באַקומען אַ פולקומע איינריכטונג פאַר דער אַנשטאַלט. די זאַכן האָבן זיך אָבער ניט באַקומען צוליב דעם אומגעריכטן פאַרנעמען ווילנע דורך די פּאָליאַקן. נאָך גרויס מי האָט זיך איינגעגעבן אויף אַן אָרט איינצואָר־ דענען די גאַנצע איינריכטונג און אין יאַנואַר 1920 איז די אַנשטאַלט געעפנט געוואָרן.—די קינדער־אַמבולאַטאָריע איז אין יאָר 1920 פאַרברייטערט געוואָרן און ס'איז געעפנט געוואָרן אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג צו היילן פּאַוואָוס (פּאַרך). די שטענדיקע אַנשטאַלטן פון „אָזע" האָבן זיך נאָך פאַרגרעסערט מיט אַן אַמבו־ לאַטאָריע פאַר דערוואַקסענע, וואָס איז דעם 15־טן מאַי געעפנט געוואָרן אין בנין פון דער קהילה. ביז אַהער האָט „אָזע" איר אַרבעט אויסשליסלעך קאָנצענ־ טרירט אויף קינדער: די דאָזיקע נייע אַנשטאַלט איז געווען דער ערשטער אויסנאַם און איז געעפנט געוואָרן צוליב דער וויכטיקייט פאַר דער באַפעלקערונג פון שניפּישאָק, זאַרעטשע און מיטעלע טיילן שטאָט צו באַנוצן זיך מיט דער אַמבולאַטאָריע „משמרת־חולים".

צום געביט פון דרינג. הילף געהערט אין יאָר 1920 די אָרגאַניזאַציע פון „זומער־קאָלאָניעס", דער פאַרשטאָרבענער ד"ר מאַקאָווער האָט אין דער זאַך אַריינגעלייגט זיין גאַנצע ענערגיע, און ס'האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצופירן אויף זומער־וואוינונגען אַלע שול־קינדער און אינטערנאַטן. דאָס אָנקומען פון די באָל־ שעוויקעס האָט צעשטערט אין מיטן די זאַך, אין וועלכער ס'איז אַריינגעלייגט געוואָרן אַ קאָלאָסאַלע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט, און די קינדער האָבן ניט גע־ קאָנט באַקומען פון די קאָלאָניעס די ערוואַרטעטע נוצן.

אין יאָר 1920 האָט „אָזע" גענומען אַן אָנטייל אין דער אָרגאַניזאַציע פון קורסן פאַר אָנפירערס פון שפּיל־פּלעצער און פון פרעבל־קורסן און האָט אַרויסגעגעבן 2 ביכער: מ. אָקון „באַוועגונגס־שפּילן" און קריוויצקי „שפּיל־פּלאַץ". עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ קליינע סובסידיע דעם ווילנער טורן־ און ספּאָרט־ פאַראיין.

די הוצאה פאַרן יאָר 1920 האָט שוין באַטראָפן 3.404.003 מ. אויף וואָס „אָזע" האָט געהאַט מיטן רעשט פון פאָריקן יאָר נאָר 3,080,893 מ. אין איז שוין אויף אַזאַ אופן אַרויס מיט אַ דעפיציט פון 323,110 מ. אין דעם יאָר איז שוין די אַמעריקאַנער הילף געווען קאָנצענטרירט אין דער קהילה, פון

וועלכע „אָזע״ האָט באַקומען פאַר איר אַרבעט 1,643,036 מ. ד״ה 55% פון אַלע הוצאות, פון ווילנער רעליף—920,000, ד״ה 31%, פון ד. ד. ק. דירעקט 1%, ס״ה פון אַמעריקאַנער געלטער — 87%, פון רוסישן „אָזע״—3%, די איבעריקע 10% איז געשאַפן געוואָרן פון הכנסות פון די אַנשטאַלטן, פון אונטערנעמונגען, מיטגלידס-אָפּצאָלן, נדבות א. א.

## יאָר 1921.

אין מיטן פון יאָר 1920 האָט ד״ר שאַבאַד באַקומען פון „רעליף פון די ווילנער לאַנדסלייט אין אַמעריקע״ גרויסע מיטלען מיטן אויפטראָג צו פאַרטאָן זיי אויף אַ אַנשטאַלט, וואָס ער האַלט פאַר באַזונדערס נויטווענדיק צו שאַפן. אויף אַ טייל פון די דאָזיקע מיטלען איז געגרינדעט געוואָרן אַן אַנשטאַלט, אין וועלכער עס האָט זיך פון פיל יאָרן געפילט אַ נויט, באַזונדערס אָבער נאָך די מלחמה-יאָרן. דאָס איז די זויגקינדערהיים פאַר אונטערגעוואָרפענע קינדער און יתומים אויפן נאָמען פון די ווילנער לאַנדסלייט אין אַמעריקע. דער „רעליף״ האָט זיך מתחייב געווען שטענדיק די אַנשטאַלט אויסצוהאַלטן. אָבער די פאַרערגערטע עקאָנאָמישע לאַגע אין אַמעריקע אין יאָר 1921 האָט געשטערט די הבטחה צו ערפילן, און אויף די 4,916,667 מ., וואָס די אַנשטאַלט האָט אָפּגעקאָסט ביזן 1-טן יאַנואַר 1922, האָט „אָזע״ באַקומען ס״ה 1,453,300 מ.

מיטן עפענען די אַנשטאַלט אין נאָוועמבער 1920 האָט „אָזע״ פאַרענדיקט איר תקופה פון פאַרברייטערן זיך, און דער יאָר 1921 איז געווען אַ יאָר פון קריזיס, וועלכער האָט שוין אָנגעהויבן צו צווינגען צו פאַרקירצן די אַרבעט און אפילו צו שליסן אַן אַנשטאַלט, די קאָלאָניע פאַר שוואַכע שול-קינדער, וועלכע האָט עקסיסטירט 3 יאָר אַלס אַ שטענדיקע, איז נאָכן זומער אין אָקטאָבער 1921 געשלאָסן געוואָרן אויף ווינטער.

די אַמבולאַטאָריע פאַר דערוואַקסענע איז סוף 1921 יאָר איבערגעגעבן געוואָרן אין אַווטאָנאָמער פאַרוואַלטונג די דאָקטוירים פון אַמבולאַטאָריע אַזוי, אַז זי זאָל פון „אָזע״ ניט פאָדערן קיין הוצאות.

ביי אַזאַ שווערער לאַגע האָט נאָך „אָזע״ געהאַט אַ ירושה פון סוף 1920 יאָר: די שול-קיכן ביי די שולן פון צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט, וועלכע „אָזע״ האָט געמוזט איבערנעמען, ווייל די קהילה האָט זיך אַנטזאַגט פון אַלע שול-קיכן און דער צ. ב. ק. האָט נאָר פעדאַגאָגיש אָנגעפירט מיט די שולן, ניט האָבנדיק קיין ווירטשאַפטלעכן אַפּאַראַט.

די הוצאה פאַרן יאָר 1921 האָט דערגרייכט 20,573,511 מ. פון דער קהילה דורכן, „מעדיצינאַל-ראַט״, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיטן פאַרטיילן אַלע מיטלען פון אַמעריקע פאַר ווילנער מעדיצינישע אַנשטאַלטן, האָט „אָזע״ באַקומען 47% פון אַלע אירע הוצאות. פון אַנדערע יידישע הילף-אָרגאַניזאַציעס (פּאַריזער געזעלשאַפט צו העלפן מזרח-יידן, רעליף אין דרום-אַפריקע, טשיקאַגער רעליף, ניו-יאָרקער רעליף, יידישער הילפס-קאָמיטעט אין קאָפּענהאַגן) — 21%, פ״ה פון מערב-אָרגאַניזאַציעס — 68%, פון אייגענע אַנשטאַלטן איז באַקומען געוואָרן הכנסה — 12%, פון אונטערנעמונגען, מיטגלידס-אָפּצאָלן, נדבות — 8%, און פון מאַגיסטראַט-סובסידיע פאַרן „טראָפּן מילך״ — 2%. די לעצטע פּאָזיציע פון דער הכנסה איז אַ באַזונדערס וויכטיקע דערגרייכונג, וועלכע איז אַן אָנהייב פון אויסטיילן פון די קאָמונאַלע מיטלען די געהעריקע טיילן פאַר יידישע אַנשטאַלטן.

## די אַרבעט אויף דער ווילנער פּראָווינץ.

אין נאָוועמבער 1919 איז דער ווילנער קאָמיטעט „אָזע״ צוגעטראָטן צו אַרבעט אויף דער פּראָווינץ אויף ספּעציעלע מיטלען, וואָס „יעקאָפּאָ״ האָט אַסיגנירט אויף דעם צוועק. עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ ספּעציעלע אויספאָרשונג פון סאַניטאַרן מצב און פון צושטאַנד פון דער מעדיצינישער הילף אין 40 שטעטלעך. אויפן סמך פון די באַקומענע ידיעות איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ נעץ פון אַנשטאַלטן. אין דזשעווענישאָק און איוויע זיינען געעפנט געוואָרן שפּיטאָלן מיט אַמבולאַטאָריעס, אין דיסנע, וואָראָנאָווע, מערעטש, אָסטרין, לעפּעל און ראַדון— אַמבולאַטאָריעס. ביי די אַנשטאַלטן זיינען געשאַפן געוואָרן אַפּטייקן. צו באַזאָרגן די דאָזיקע אַפּטייקן ווי אויך די ביקור-חולימס מיט מעדיקאַמענטן לויט צוטריטלעכע פּרייזן איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ צענטראַלער מעדיקאַמענטן-לאַגער. דורך אַ טעכניקער זיינען דאַן באַזוכט געוואָרן די בעדער אין 55 שטעטלעך און פיל פון זיי זיינען רעמאָנטירט געוואָרן און באַזאָרגט מיט דעזינפעקציאָנעלע קאַמערן. די איבערקערענישן פון יאָר 1920 האָבן צעשטערט די דאָזיקע אַרבעט.

אין יאָר 1921 האָט דער ד. ד. ק., אויפהערנדיק די תמיכה-אַרבעט באַשטימט גרויסע מיטלען אויף קאָנסטרוקטיווער אַרבעט אויפן מעדיציניש-סאַניטאַרן געביט. צום אָנפירן מיט דער דאָזיקער אַרבעט אין ווילנער ראַיאָן איז לויט אַ פאַרשטענדיקונג מיטן ד. ד. ק. געשאַפן געוואָרן אַ מעדיציניש-סאַניטאַרע צענטראַלע, אין וועלכע עס זיינען אַריין פאָרשטייער פון קהילה און „יעקאָפּאָ״, אַלס די רעפּרעזענטאַנצן פון דער יידישער באַפעלקערונג, און פון „אָזע״ און „מעדיצינאַל-ראַט״, אַלס מעדיצינישע אָרגאַניזאַציעס. די דאָזיקע צענטראַלע האָט איבערגעגעבן די דורכפירונג פון דער אַרבעט אויף פּראָווינץ (אויסער טעכניש-סאַניטאַרע אַרבעט) דער געזעלשאַפט „אָזע״. די אַרבעט איז אָנגעהויבן געוואָרן סוף יאָר 1921. אין אַ ריי פונקטן האָט מען באַזעצט דאָקטוירים, אין לידע איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן דער שפּיטאָל און פאַרוואַנדלט אין אַ מאָדערנעם קרייז-שפּיטאָל. עס איז צוגעגרייט געוואָרן די עפענונג פון אַ שוועסטער-שול (האָט זיך געעפנט אין יאָר 1922) אין בנין פון „אָזע״ און אַ רענטגען-אינסטיטוט צו היילן פאַוואוס (דער אַפּאַראַט איז אָנגעקומען אין יאָר 1922). די אויפבויאונגס-אַרבעט איז אָנגעמערקט זייער ברייט און וועט געבן די מעגלעכקייט ניט נאָר צו פאַרענטפערן דרינגלעכע פראַגן און נויטן, נאָר אויך צו פאַרווירקלעכן דעם הויפּט-ציל פון „אָזע״ — העלפן שאַפן אַ לעבנספעאיקע, צו די יידישע באַדינגונגען צוגעפּאַסטע געזעלשאַפטלעכע מעדיצין.

# „אָ ר ט״.

די „געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן האַנטווערקעריי און לאַנדווירטשאַפט צווישן יידן״ („אָרט״—לויט די רוסישע ראשי-תיבות) האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין ווילנער קאַנט סוף יאָר 1918, ווען עס זיינען געפאַלן די ווענט, וועלכע האָבן אונטער די דייטשן אָפּגעטיילט ווילנע פון די שכנישע יידישע ישובים. אין דער אַטמאָספערע פון צדקה און שנאָרעריי, אין דער דורך דער מלחמה און אָקופּאַציע צערואינירטער און דעמאָראַליזירטער סביבה האָט „אָרט״ געבראַכט דעם געדאַנק וועגן זעלבסטהילף, וועגן צוריקקער צו אַרבעט און פּראָדוקטיווער שאַפנדיקער טעטיקייט.

מחמת די קליינע געלטמיטלען האָט זיך די אַרבעט אין משך פון גאַנצן יאָר 1919 באַגרעניצט מיט דער שטאָט גופא. „אָרט״ האָט איינגעאָרדנט קורצטערמיניקע אַגראָנאָמישע קורסן און האָט אָרגאַניזירט ביי ווילנע אַ לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָאָפּעראַטיוו פון אַרבעטסלאָזער יידישער יוגנט. סוף יאָר 1919 זיינען דורכגעפירט געוואָרן צוויי אויספאָרשונגען: וועגן צושטאַנד פון יידישער האַנטווערקעריי אין ווילנע און וועגן דער יידישער לאַנדווירטשאַפט אין דער פּראָווינץ. די אייגנטלעכע אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן ערשט אין 1920 יאָר, אָבער די פּאָליטישע געשעענישן האָבן ניט געלאָזט זי צו אַנטוויקלען ווי געהעריק, דערהויפּט אין דער פּראָווינץ.

דאָס יאָר 1921 איז געווען דאָס ערשטע, ווען די ווילנער געזעלשאַפט „אָרט״ האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן כסדר, אָן הפסקות. דער פאַרנעם פון דער אַרבעט האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט, דערהויפּט אַדאַנק די גרעסערע געלטמיטלען, וואָס די אויסלענדישע צענטראַלע פון „אָרט״ האָט געגעבן אין רשות פון דער ווילנער געזעלשאַפט, און מיר ברענגען דאָ אויספירלעכערע ידיעות וועגן דער טעטיקייט פון „אָרט״ אין יאָר 1921.

## די אַרבעט אויפן געביט פון לאַנדווירטשאַפט.

**לאַנדווירטשאַפטלעכע קרעדיטן.** נאָך אין יאָר 1920 זיינען פאָרשטייער פון „אָרט״ אַריין אין פאַרבינדונג אין מיטל-ליטע מיט די יידישע קאָלאָניעס און מיט די שטעט און שטעטלעך, וואו יידן האָבן זיך גענומען צו ערדאַרבעט, דער עיקר—אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. אין יאָר 1920 האָט „אָרט״ אויסגעפאָרשט די לאַגע פון 1229 פאַמיליעס יידישע לאַנדווירטן, וועלכע האָבן באַאַרבעט העכער 9000 דעסיאַטין ערד, און האָט אין די נייטיקע פאַלן אַרויסגעגעבן הלוואות אויף זריעה, פערד און מכשירים. די געשעענישן פון סוף יאָר 1920, דאָס אַריינמאַרשירן און אַרויסמאַרשירן פון פאַרשיידענע חיילות אין געגנט, האָבן כמעט אינגאַנצן צונישט געמאַכט די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער אָפּגעטאָנענער אַרבעט, און מ׳האָט אין יאָר 1921 געמוזט אָנהייבן גאָר פון דאָסניי. די יידישע ערדאַרבעטער האָבן זיך נאָך מערער ווי פריער געניייטיקט אין אומזאַץ-קאַפּיטאַל, כדי אויפצוריכטן זייער רואינירטע בעלי-בתישקייט, און די קרעדיט-הילף פון „אָרט״ האָט געמוזט זיין צוגעפּאַסט, אַזוי צו זאָגן, צו די צוועקן פון „גיכער הילף״.

מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע קרעדיטן פון „אָרט״ האָבן זיך אין יאָר 1921

באַנוצט 810 פאַמיליעס אין 81 פונקטן. בס"ה האָט מען אַרויסגעגעבן לאַנדווירט־שאַפטלעכע קרעדיטן צו יחידים אויף 9.492.970 מאַרק. ביים אַרויסגעבן די קרעדיטן האָט מען שטרענג אַכטונג געגעבן, אַז די זאַך זאָל זיך ניט פאַרוואַנדלען אין אַ פאַרמאַסקירטער תמיכה, און אַלע אָפּעראַציעס זיינען דורכגעפירט געוואָרן דורך די לאָקאַלע ליי־ און שפּאָר־קאַסעס. דערפון איז שוין געוואָרן אומגעקערט צום 1 יאַנואַר 1922 יאָר 2.970.432 מ.

**אַגראָנאָמישע הילף און לאַנדווירטשאַפטלעכער לאַגער.** אויף ווי ווייט עס האָט זיך געלאָזן, האָט „אָרט“ געזוכט זיך ניט צו באַנוגענען מיט אַרויסגעבן הלוואות און האָט געשטרעבט צו באַהילפיק זיין די יידישע לאַנדווירטן אויך אין צו הייבן זייער ווירטשאַפט. קודם־כּל האָט מען ביים פאַרטיילן די קרעדיטן אויף זריעות געגעבן די לאַנדווירטן פאַרשיידענע אַגראָנאָמישע עצות און דער־קלערונגען און מ'האָט ספּעציעל געוויזן אויף זיי, אַז זיי זאָלן איינפירן ביי זיך לופּין אויף גרינע באַמיסטיקונג. צווייטנס, האָט „אָרט“ געהאַלטן אין ווילנע אַ לאַגער פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס און מכשירים, און אויך פון זריעות.

**לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַציון.** אויסער אַרויסגעבן הלוואות יחידים, האָט „אָרט“ אונטערשטיצט די קאָאָפּעראַטיווע לאַנדווירטשאַפטלעכע באַוועגונג. דער גרעסטער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָאָפּעראַטיוו האָט עקסיסטירט אין אָשמענע. ער האָט געהאַט 35 מיטגלידער. 2 קאָאָפּעראַטיוון האָבן געאַרבעט ביי ווילנע: איינער אין זשוראַווציזנע (12 מיטגלידער, 14 דעסיאַטין), וועלכער האָט געהאַט אַ ווירטשאַפטלעכן אָפּמאַך מיטן פאַרבראַוכס־קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער“, און אַ צווייטער „באַפרייאונג“, וועלכער איז געווען פאַרבונדן מיטן פאַרבראַוכס־קאָאָ־פּעראַטיוו „באַפרייאונג“ (7 מיטגלידער, 3 דעסיאַטין). „אָרט“ האָט געשטיצט די 3 קאָאָפּעראַציוון מיט הלוואות, דאָסגלייכן איז „אָרט“ געקומען צו הילף מיט קרעדיטן נאָך 4 קליינע פערמעס אַרום ווילנע, וואָס עלטערע שילער פון 3 ווילנער שולן האָבן זיי געגרינדעט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. די אַרויסגעגעבענע קרעדיטן זיינען כּמעט אינגאַנצן אויסגעצאָלט געוואָרן צום סוף יאָר.

**שול־גערטנער.** כּדי צו באַקאָנען דעם יונגן דור מיט ערדאַרבעט און דערנעענטערן די שול־יוגנט צו דער פרייער נאַטור, האָט „אָרט“ גענומען אויף זיך די אָרגאַניזאַציע פון שול־גערטנעריי. אין יאָר 1920 האָט מען אַדאַנק „אָרט“ אָרגאַניזירט אין ווילנע 15 שול־גערטנער, וואו עס האָבן געאַרבעט 1130 קינדער אין עלטער פון 10 ביז 15 יאָר. אין יאָר 1921 איז די זאַך געוואָרן אָרגאַניזירט אין אַ גרעסערן פאַרנעם און אויף אַן אַנדער אופן. די גרעסטע צאָל שולן (14) האָט מען קאָנצענטרירט אויף איין גרויסן צענטראַלן גאָרטן (2600 קוו. קלאַפטער), וועלכער איז געווען איינגעטיילט אויף 3 טיילן,—פאַר די שולן פון צ. ב. ק. (צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט), „וועד המאוחד“ און פון „תרבות“. אויסער דעם האָבן 7 שולן געהאַט באַזונדערע שול־גערטנער פאַר זיך. אינאַיינעם, האָבן אין די גערטנער געאַרבעט ביז 2000 קינדער.

## די אַרבעט אויפן געביט פון מלאכה און פּראָפעס־יאָנעל־טעכנישער בילדונג.

**מכשירים פאַר האַנטווערקער.** אויפן געביט פון מלאכה האָט זיך „אָרט“ מיט אַרויסגעבן געלט־קרעדיט פאַר יחידים ניט פאַרנומען, בנוגע צו איינצלנע האַנטווערקער און אַרבעטער איז די טעטיקייט פון „אָרט“ באַשטאַנען אין פאַרקויפן זיי מכשירים צו ביליגע פרייזן, ווי אויך אין אַרויסגעבן די דאָזיקע מכשירים אויף אויסצאָלן ראַטעסווייז. צווייערליי מכשירים פאַר בעלי־מלאכות האָבן זיך געפונען אין רשות פון „אָרט“: ערשטנס, אַ פּאַרטיע מכשירים, וואָס דער ד. ד. ק. האָט לויט זיין איניציאַטיווע געקויפט און האָט איבערגעגעבן אין „אָרט“ צו פאַרטיילן זיי, צווייטנס, מכשירים, וואָס „אָרט“ האָט דירעקט איינגע־קויפט, כּדי צו באַפרידיקן די לאָקאַלע באַדערפענישן. די מכשירים פון ד. ד. ק. זיינען באַשטאַנען פון ניי־מאַשינעס און פאַרשיידענע קלענערע געצייג (34 מינים) פאַר שלאָסערס, סטאָליאַרעס און שוסטער. פון וואַרשעווער איינקויף־ביוראָ „אָרט“ זיינען אָנגעקומען ניי־מאַשינעס און אַלערליי מכשירים (45 מינים). אין ווילנע גופא האָט „אָרט“ געקויפט אַ מעכאַנישן וואַרשטאַט מיט זיין גאַנצער איינ־אָרדנונג און געניטע קלענערע מכשירים.

אויסער אַ קליינעם טייל פון די מכשירים, וואָס איז אָפּגעגעבן געוואָרן דעם לערן־וואַרשטאַט פון מעכאַנישער שלאָסעריי ביים „אָרט“, זיינען די ניי־מאַשינעס און די איבעריקע מכשירים אָנגעקומען צו איינצלנע בעלי־מלאכות אין ווילנע און פּראָווינץ. די ניי־מאַשינעס און די טייערע געצייג האָט מען אַרויס־געגעבן אויף אויסצאָלן.

**לאַגערן פאַר אַרבעטער און בעלי־מלאכות.** כּדי באַהילפיק צו זיין די אַרבעטער־ און האַנטווערקער־קאָלעקטיוון מיט רוי־וואַרג און מיט קרעדיט אויף פּאַרטיקע אויסאַרבעטונגען האָט „אָרט“, סוף יאָר 1920 באַשלאָסן צו גרינדן אַ געזעלשאַפטלעכן לאַגער, וואָס זאָל אַרויסגעבן אַרבעטער און בעלי־מלאכות קרע־דיטן אויף זייערע פּאַרטיקע אויסאַרבעטונגען. מחמת פּראַקטישע טעמים האָט מען געעפנט צוויי באַזונדערע לאַגערן, איינעם פאַר אַרבעטער, דעם אַנדערן פאַר האַנטווערקער. אין יאָר 1921 זיינען די לאַגערן אַריבער: דער לאַגער פאַר אַר־



בעטער אין רשות פון די ווילנער פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון, דער לאַגער פאַר בעלי־מלאכות אין רשות פון האַנטווערקער־פאַראיין. דערביי האָט „אָרט“ אַרויס־געגעבן די ביידע אָרגאַניזאַציעס בתורת הלוואה צו 500 000 מ. אויף איינקויף פון רוי־וואַרג און אויף אַרויסגעבן קרעדיט אויף פּאַרטיקע אויסאַרבעטונגען. אויסער דעם האָט „אָרט“ אין 1921 געקויפט אַ פּאַרטיע פּאַפּיר און דיקטן אויף 720.710 מ. און האָט זי אויך בתורת הלוואה איבערגעגעבן אין די ביידע לאַגערן, פאַר די ווילנער מעבל־סטאָליאַרעס.

**לערן־וואַרשטאַטן אין ווילנע און פּראָווינץ.** אויפן געביט פון פּראָפעסיאָנעל־טעכנישער בילדונג איז דער ערשטער אויפטו פון „אָרט“ באַשטאַ־נען אין גרינדן אַ לערן־וואַרשטאַט אויף מעכאַנישע שלאָסעריי, וועלכער האָט זיך געעפנט אין ווילנע אין יולי 1920. דער לערן־וואַרשטאַט האָט זיך געשטעלט דעם צוועק צוצוגרייטן קוואַליפיצירטע אַרבעטער פאַר שלאָסעריי און האָט צום סוף יאָר געהאַט 45 תּלמידים. אין יאַנואַר 1922 איז געעפנט געוואָרן אין ווילנע נאָך אַ וואַרשטאַט אויף סטאָלעריי.

אין אַווגיסט 1921 איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרוב מיט אַ לערן־וואַרשטאַט אין דער פּראָווינץ. אין גלובאָקע האָט „אָרט“, לויט אַן אָפּמאַך מיטן פאָרשטייער פון גלובאָקער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק, געעפנט אַ לערן־וואַרשטאַט אויף שוסטעריי און שטעפּעריי. סוף יאָר האָבן זיך אין דער שוסטעריי און דער שטע־פּעריי געלערנט צו 15 תּלמידים. אין נאָוועמבער 1921 איז געעפנט געוואָרן אין גלובאָקע אַ דריטער לערנוואַרשטאַט—אויף שניידעריי, פאַר מיידלעך (17 שילע־רינס). אין מאַי 1922 האָט „אָרט“ איבערגענומען אין זיין רשות די לערנוואַר־שטאַטן פאַר שניידעריי אין אָשמענע.

**פּאָליטעכנישע קורסן (טעכניקום).** אין יאַנואַר 1921 האָט „אָרט“ גענומען אויף זיך צו שאַפן אַ העכערן טיפּ פון אַ פּראָפעסיאָנעל־טעכנישער בילדונג־אַנשטאַלט און האָט געעפנט אין ווילנע די ערשטע פּאָליטעכנישע קורסן. לויט דעם אויסגעאַרבעטן פּראָיעקט האָבן באַדאַרפט געעפנט ווערן 5 אָפּטיילונגען: מעכאַנישע, עלעקטראָ־טעכנישע, עקאָנאָמישע, כעמישע און אַגראָנאָ־מישע, נאָר מחמת דוחק אין געלט האָבן זיך געעפנט בלויז די ערשטע 3 אָפּ־טיילונגען. די צאָל צוהערער אין משך פון ערשטן לערניאָר איז געווען פאָלגנ־דיקע, לויט די אָפּטיילונגען:

| | מעכאַנישע | עלעקטראָטעכנ. | עקאָנאָמישע | בס"ה |
| --- | --- | --- | --- | --- |
| ביים אויפנאַם | 83 | 66 | 55 | 209 |
| פּאַקטישער באַזוך I סעמ. | 58 | 50 | 40 | 148 |
| „ „ II „ | 45 | 40 | 25 | 110 |
| צום אָנהייב III „ | 42 | 45 | 21 | 108 |

30% פון די צוהערער זיינען געקומען פון די נאָענטסטע שטעט און שטעטלעך פון ווילנער געגנט. די לימודים אויף די קורסן פלעגן פאָרקומען אין אָוונט, און אַזוי אַרום האָבן די קורסן געקאָנט באַזירן אויף אַרבעטער און אָנ־געשטעלטע. פאַר דער עלעקטראָ־טעכנישער אָפּטיילונג איז געווען איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלע לאַבאָראַטאָריע. די צוהערער פון דער מעכאַנישער אָפּטיילונג האָבן פּראַקטיש געאַרבעט אין דעם לערנוואַרשטאַט פאַר שלאָסעריי. סוף יאָר האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ נויטווענדיקייט צו רעאָרגאַניזירן די קורסן אין דער ריכטונג פון אונטערשטרייכן די נויט אין פּראַקטישע לימודים און פון פאַרגרעסערן די צאָל שעהן אויף פּראַקטישער אַרבעט אין לאַבאָראַטאָריעס. אין פאַרבינדונג דערמיט האָט מען די קורסן אָנגערופן „טעכניקום“, און מען האָט אַריבער־געטראָגן די לימודים אויף אינדערפרי און בייטאָג. אָנהויב 1922 זיינען די קורסן איינגעאָרדנט געוואָרן אין אַ נייער מער צוגעפּאַסטער דירה, און דער „טעכניקום“ האָט געמאַכט אַ נייעם אויפנאַם פאַר 120 צוהערער.

**פּאַטראָנאַטן פאַר לערן־קינדער.** אין דער פּראָווינץ האָט „אָרט“ געשטיצט דעם פּאַטראָנאַט פאַר האַנטווערקער־שילער „שוקדי מלאכה“ אין נאָוואָ־גרודאָק. דער פּאַטראָנאַט האָט סוף יאָר געהאַט השגחה אויף 70 קינדער און האָט איינגעאָרדנט פאַר זיי אַן אָוונט־שול, ווי אויך געזאָרגט פאַר קליידונג און דערנערונג.

**פאַרלאַג־אַרבעט.** כּדי צו מאַכן אַן התחלה אויפן געביט פון טעכנישער ליטעראַטור, האָט „אָרט“ אַרויסגעגעבן אַ יידישע איבערזעצונג פון פּראָפ. ל. גרעצס באַוואוסטן ווערק: „עלעקטרע, אַ בוך צום לערנען און לייענען (III+270 זייטן). אויך האָט „אָרט“ אַרויסגעגעבן אַ בראָשור: ע ר ו ו י ן כּ ה ן, „פּראָ־פעסיאָנעלע בילדונג“ (23 ז. רעפעראַט, געהאַלטן אויף דער בערלינער קאָנפע־רענץ פון „אָרט“ אין אַווגוסט 1921). פון לאַנדווירטשאַפטלעכער ליטעראַטור איז אַרויסגעגעבן געוואָרן די בראָשור פון אַגר. קאַדישעס: „באָדן־קענטשאַפט“ (1920, 31 ז.).

אַ אויספירלעכער באַריכט פאַרן יאָר 1921 איז פּובליקירט אין אַ באַ־זונדער בראָשור.

צום סוף 1921 איז דער געגנט־קאָמיטעט פון „אָרט“ באַשטאַנען פון פאָלגנדע פּערזאָנען: י. אָקון, ח. אַבראַמאָוויטש, מ. אידעלסאָן, ר. בוניאַק, ש. גורוויטש, ש. וויקאָנאַוו, זאַקינד, י. יאַשונסקי, מ. יעווזעראָוו, ב. כּהן, כּ"ץ, א. לאַנגבאַרט, וו. מאַקאָווער, מ. סעניצקי, ח. פייגין, ל. פרענקעל, ז. צינמאַן, א. ברוך, מ. ראַכמאַן, מ. ראָזענבליום, ה. רובאַנענקאָ, ד"ר צ. שאַבאַד, מ. שאַליט.

ח. לונסקי.

# די יידישע היסטאָריש=עטנאָגראַפישע געזעלשאַפט.

די יידישע היסטאָריש-עטנאָגראַפישע געזעלשאַפט אין ווילנע איז געגרינדעט געוואָרן דעם 20-סטן פעברואַר 1910 דורך ש. אַנ--סקי ז"ל. דער גרינדער פון דער געזעלשאַפט האָט איר געווידמעט זייער פיל צייט און מי, האָט אַלעמען באַגייסטערט צו דער אַרבעט, פלעגט אפילו קראַנקערהייט קומען צו די זיצונגען און קיין זאַך איז אים ניט געווען צו שווער פאַר איר.

דעם 9-טן יוני 1919 האָט ער שיר ניט מיט די לעצטע קרעפטן געלייענט אין זאַל פון קהילה זיין „דיבוק" און זיך דערביי אַזוי אָנגעשטרענגט, אַז אינמיטן האָט אים אברהם מאָרעווסקי געמוזט פאַרבייטן. די גאַנצע הכנסה פון דער פאָרלעזונג האָט ער דער געזעלשאַפט אַוועקגעשאָנקען. אינגיכן איז ער אָפּגעפאָרן קיין אָטוואָצק, אָבער אויך פון דאָרט האָט ער אַלע ווייַלע געמוטיקט מיט בריוועלעך, מיט מתנות פאַר דער געזעלשאַפט. אויך אין אַמעריקע האָט ער זיך געמיט פאַר זיין געזעלשאַפט און האָט זיין טייערע געזעלשאַפט ניט פאַרגעסן אפילו אויך נאָכן טויט, איר אַ רייכע ירושה, אַ זעקסט-חלק פון זיין פאַרמעגן, איבערגעלאָזט.

---

די דריי יאָר, וואָס די געזעלשאַפט עקסיסטירט, זיינען געווען יאָרן פון צרות און פיין. די כסדרדיקע איבערקערעניש, די אומבאַשטימטע פּאָליטישע לאַגע האָבן געשטערט די אַרבעט און דעריבער האָט די געזעלשאַפט ניט אַלץ געקענט אויפטאָן פון דעם, וואָס זי וואָלט באַדאַרפט אויפטאָן ביי נאָרמאַלע פאַרהעלטענישן.

די געזעלשאַפט האָט זיך קאָנסטרואירט אין אַ פאַרוואַלטונג מיט פאָלגנדיקע סעקציעס: 1) מוזיק, 2) פאָלקלאָר, 3) געשיכטע, 4) קונסט און מוזיי, 5) אַנסקי-סעקציע, 6) קאַטאַלאָג-סעקציע, 7) ליטעראַרישע סעקציע, 8) פנקס-סעקציע. די געזעלשאַפט פאַרמאָגט אויך: 9) אַ מוזיי, 10) אַ ביבליאָטעק און 11) אַן ארכיוו.

די פאַרוואַלטונג איז געווען, לויט דעם וואונטש פון איר גרינדער, אַ אומפאַרטייאישע און אין איר האָבן זיך באַטייליקט פערזאָנען פון די פאַרשיידנסטע ריכטונגען, ווי הרב רובינשטיין, ד"ר וויגאָדסקי, ד"ר שאַבאַד, ד"ר יוסף רעגענסבורג, משה שאַליט, אינזש. ד. ראָזנהויז, אינזש. פרענקעל, פרוי אסתר רובינשטיין, אינזש. קוויאַט, מ. ב. שניידער, ד. קאַפּלאַן-קאַפּלאַנסקי, ד"ר ל. סלאָנימסקי, אינזש. ספּיראָ, ש. שרעבערק, יעפים זאַלקינד און די פאָרזיצער פון די סעקציעס א. מ. בערנשטיין, הירשאָוויסקי, ב. לובאָצקי, י. ברוידעס, ש. באַסטאָמסקי א. אַנד.
די הויפּט-אַרבעט פון דער פאַרוואַלטונג האָט געטראָגן דער יושב-ראש פון דער געזעלשאַפט, ד"ר אברהםווירשובסקי און דער סעקרעטאַר פון דער געזעלשאַפט חייקל לונסקי.

ביים פאָרזיצער אין שטוב איז פאָרגעקומען אין משך פון די דריי יאָר קרוב הונדערט זיצונגען, וואו עס זיינען באַטראַכט געוואָרן פאַרשיידענע פראַגן; דער פאָרזיצער האָט זיך אויך געמיט וועגן לעגאַליזירן די געזעלשאַפט, וועגן אָנרופן אייניקע גאַסן מיט יידישע נעמען (שטראַשון-גאַס און פין-גאַס), וועגן סובסידיעס פון דער קהילה, פון „יעקאָפּאָ" און פון די דעלעגאַטן פון די ווילנער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, בירזש און ד"ר דרוסקין, ד"ר האָפּמאַן (צביון) און ד. כץ.

די פאַרוואַלטונג האָט אָרגאַניזירט אַ פייערלעכע זיצונג צום זעכציק יאָריקן יובילי פון היסטאָריקער שמעון דובנאָוו אין בנין פון מוזיי, מיט אַ רעפעראַט פון א. י. גאָלדשמידט. די פאַרוואַלטונג האָט זיך אויך געמיט צו אָרגאַניזירן די פּראָווינץ דורך די באַפולמעכטיקטע פון „יעקאָפּאָ" ה"ה וואַלק און קליאָנסקי, דורך די ה"ה גאָץ און טשעסלי ז"ל, און האָט אויך אָרגאַניזירט זאַמלונגען פון פאָלקלאָר אין די פאַרשיידענע קורסן און גימנאַזיעס.

די פאַרוואַלטונג האָט ארויסגעלאָזן פאַרשיידנע קול-קוראס, איינער געשריבן פון ש. אַנסקי ז"ל, אַז יעדע פאַרטיי און געזעלשאַפט זאָל גרינדן ביי זיך ארכיוון און זאַמלען אַלערליי מאַטעריאַלן פון זייער אייגענער קערפּערשאַפט, און אַ צווייטער, געשריבן פון סעקרעטאַר אונטער שאַליטס רעדאַקציע וועגן זאַמלען אַלערליי פאָלקסטימלעכע חפצים און מאַטעריאַלן פאַר דער געזעלשאַפט, און נאָך אייניקע קול-קוראס וועגן מאַטעריאַלן פאַרן „פנקס".

די פאַרוואַלטונג האָט אויך אָרגאַניזירט און גענומען אַ אָנטייל אין דער אויסשטעלונג פון אָקופּאַציע-דאָקומענטן אין יאָר 1920.

דער פאָרזיצער האָט זיך אויך געמיט צו קריגן פיל טייערע חפצים פאַר דער געזעלשאַפט און האָט זיך זייער פיל אָפּגעגעבן מיטן ארויסגעבן דעם „פנקס".

## די מוזיקאַלישע סעקציע.

פאַר דער מוזיקאַלישער סעקציע, וועלכע באַשטייט פון א. מ. בערנשטיין (פאָרזיצער), א. סליעפּ, מ. גערשטיין א. אַנד. האָט זייער פיל געטאָן



דער פאָרזיצער. ער האָט צוזאַמען מיט ח. לונסקי צונויפגעזאַמלט אין משך פון דער צייט הונדערטער ווערק פון פאָלקסמוזיק, צווישן זיי איבער 60 ניגונים אויף די שבתדיקע זמירות, פיל חסידישע ניגונים, בתוכם פון ר' לוי-יצחק בערדיטשעווער, אויך דער ניגון „אנא בכח" אין זיבן נוסחאות, דער ניגון „עקיבא בן מהללאל אומר דע מאין באת", וואָס מען פלעגט אָפּזינגען אַ גאַנצע שמחת-תורהדיקע נאַכט, כדי ניט צו ווערן צו האָפּערדיק פון גרויס שמחה (באַקומען פון ר' משה יאָסעלעוויטש) און נאָך פיל חתונה-ניגונים, פאַטש-בייגעלעך, קאַראַהאָדן און רעליגיעזע ניגונים, צווישן זיי „יעלה תחנוננו" פון ווילנער בעל-הביתל. — 150 ניגוגים האָט שוין א. מ. בערנשטיין באַאַרבעט און אריינגעשריבן אין ספּעציעלן מוזיקאַלישן בוך פון דער געזעלשאַפט.

## די סעקציע פאַר פאָלקלאָר.

פאַר דער פאָלקלאָר-סעקציע, וועלכע באַשטייט פון ש. באַסטאָמסקי (פאָרזיצער), י. ברוידעס, ש. גאָרדאָן, ח. לונסקי, א. בולקין, י. זאַוועלס און א. י. גאָלדשמידט האָט פיל געטאָן צוערשט דער פאָרזיצער ש. באַסטאָמסקי, וועלכער האָט אַליין צונויפגעזאַמלט 65 קינדער-לידער און אַוועקגעשאָנקען דער געזעלשאַפט. דער קינדער-קלוב פון „מפיצי-השכלה" האָט געזאַמלט דורך עמינדב מאַרגאָלין 280 פאַרשיידענע פאָלקסשאַפונגען. זייער פיל זאַכן זיינען געזאַמלט געוואָרן דורך יצחק ברוידעס און ח. לונסקי, צווישן זיי פיל חתונה-זאַכן, ווי באַזעצנס, זאָגעכצן צום טיש, אַ ליד פון צוואַנג-אַרבעט, קינדער-לידער און אַרבעטער-לידער, צוזאַמען הונדערטער פאָלקסשאַפונגען, וועלכע זיינען אריינגעשריבן געוואָרן אין אַ באַזונדער בוך דורך ש. גאָרדאָן און יצחק ברוידעס.

די פאָלקלאָר-סעקציע האָט אַ סך זיצונגען געווידמעט צו רעדאַגירן און ממלא זיין די זאַמלונג שפּריכווערטער און ווערטלעך פון ש. באַסטאָמסקי, וועלכע איז ערשינען אונטערן נאָמען „ביים קוואַל", די פאַרוואַלטונג האָט אגב סובסידירט די דאָזיקע אויסגאַבע מיט עטלעכע טויזנט מאַרק.

## די סעקציע פאַר געשיכטע

איז באַשטאַנען פון משה שאַליט (פאָרזיצער), מ. ב. שניידער, הירשאָווסקי, א. י. גאָלדשמידט, ח. לונסקי, ב. לובאָצקי, חיים ראַבינאָוויטש, יצחק ברוידעס, אינזש. אידלסאָן און פ. קראַסני. דער פאָרזיצער האָט דעם 29-טן אָקטאָבער 1919 איבערגעגעבן דער געזעלשאַפט די רייכע זאַמלונג פון אָקופּאַציע-דאָקומענטן פון דער „היסטאָרישער קאָמיסיע" ביי דער „חברה מפיצי השכלה" אין באַזונדערע פאַפּקעס מיט אַ קאַטאַלאָג דערצו. ער האָט אויך געגעבן אַ דאָקומענט פון יאָר 1823, אין יידיש און פויליש (אַ פאַראָרדענונג פון דער פּאָליציי, אַז יידן אין ווילנע טאָרן ניט וואוינען און דינגען קראָמען אין די גאַסן אָסטראָבראָם, גרויסע, שלאָסגאַס, דאָמיניקאַנער, יאָן-גאַס און טראָקער), אַ רשימה פון די אוקראַינער פּאָגראָמען און פיל אַנדערע דאָקומענטן. חיים ראַביגאָוויטש האָט געגעבן זייער פיל וויכטיקע אַלטע דאָקומענטן: אַ בקשה פון דער חברה „שומרים לבוקר" פון דער גרויסער שול (די „שומרים" בעטן, מ'זאָל זיי העכערן זייערע שכירות פון 50 קאָפּ. אַ וואָך, ווייל דער יקרות איז זייער גרויס און זיי דאַרפן אויפשטיין אַלע טאָג 4 אַ זייגער), אויך די אַדרעסן פון דער ווילנער געמיינדע צו די פאַרטיידיקער פון מענדל בייליס; אַן אַלטער דאָקומענט, וואו עס שטייט געשריבן, אַז דער מרחץ איז געבויט-צוזאַמען מיט דער גרויסער שול, כדי צו האָבן אַ הכנסה אויף די הוצאות פון שול א. אַנד. פיל באַקאַנטמאַכונגען פון דער דייטשער מאַכט, באַקומען פון יהודה-לייב עפּעל און זאַלצבערג, פיל דאָקומענטן פון לונסקי, שניידער, ברוידעס און הירשאָווסקי; צולעצט אַ רייכע זאַמלונג דאָקומענטן און ליטעראַטור פאַר דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה, באַקומען פון דירעקטאָר פון מלוכה-ארכיוו וו. סטודניצקי דורך דער השתדלות פון ד"ר ווירשובסקי און הירשאָווסקי, פיל דאָקומענטן און צייטונגען פון רעדאַקטאָר פון „טאָג" ז. רייזען און פון רעדאַקטאָר פון „אונזער פריינד" משה כהן, פון מאיר בערנשטיין, פון די דרוקערייען קריינעס-קאָוואַלסקי, פון ראָפּעס און נאָך פיל אַנד.

צוזאַמען האָט די סעקציע באַקומען מתנות פון איבער 200 פּערזאָן. אָפט פלעגן זיך באַקומען מתנות אפילו פון אַנדערע שטעט.

## די קונסט= און מוזיי=סעקציע

באַשטייט פון פאָלגנדיקע פּערזאָנען: ה' אינזש. דניאל ראָזנהויז (פאָרזיצער), אינזש. פרענקעל, ח. זאַלקניד, יוסף אוצעכאָווסקי, יצחק שטראַשון, ברודנער און אַנד. ביז דער עוואַקואַציע פון ווילנע דורך די רוסן, האָט זיך איבערגעגעבן מיט דער אַרבעט ה' אינזש. פרענקעל, איינער פון די גרינדער פון מוזיי. נאָכדעם

ווי ער איז אַוועקגעפאָרן, איז פאַר אַ פאָרזיצער אויסגעוויילט געוואָרן אינזש. ד. ראָזענהויז, וועמען דער מוזיי האָט זייער פיל צו פאַרדאַנקען אין זיין גאַנצער אַנטוויקלונג. ער האָט מיט דער הילף פון ד״ר א. ווירשובסקי פיל געאַרבעט צו קריגן ביי דער קהילה דעם בנין פון מוזיי, צו איינאָרדענען דעם מוזיי (אָנפאַנג יאָר 1920) אין די גרויסע באַקוועמע צימערן פון דעם דאָזיקן בנין (פריער האָט זיך דער מוזיי געפונען אין בנין פון דער צדקה-גדולה, אין ענגשאַפט, אין זייער קליינע צימערן), צו באַוואָרענען אים מיט אייזערנע לאָדן (נאָכן אויפברעכן די פענסטער פון מוזיי דורך גנבים) א. אַז. וו. ער האָט אויך איינגעשאַפט די געטאָ-בילדער פון ווילנער פאָטאָגראַף בולגאַק א. אַז. וו.

ה׳ ברודנער האָט געשאָנקען אייניקע בילדער און פאָטאָגראַפירט ציורים פון אַן אַלטן סידור אַ כתב-יד.

## די ליטעראַרישע סעקציע

איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע פערזאָנען: ש. ל. ציטראָן פאַר די העברעאישע מאַטעריאַלן, אליהו סופר—פאַר די תלמודישע מאַטעריאַלן און ש. ניגער פאַר די יידישע מאַטעריאַלן. ש. ניגער האָט אויך באַזוכט די ה״ה דובאָווסקי, בנימין ראָם ז״ל, אויך דעם זעזשמער בדחן (יעקב זיזמאָר) און געשענקט דער געזעלשאַפט פיל דאָקומענטן (זומער 1919 איז ער אַוועקגעפאָרן קיין ניו-יאָרק, וואו ער האָט מיטגעהאָלפן צו גרינדן אַ יידישע היסטאָריש-עטנאָגראַפישע געזעלשאַפט פאַר אַמעריקע).

## די אַנסקי-סעקציע.

נאָך אַנסקיס טויט, אין נאָוועמבער 1920, איז געגרינדעט געוואָרן די אַנסקי-סעקציע, וועלכע באַשטייט פון פאָלגנדיקע מיטגלידער: ד״ר צ. שאַבאַד, דער אַפּוטראָפּוס איבער אַנסקיס עזבון (פאָרזיצער), זלמן רייזען (סעקרעטאַר), ד. ראָזענהויז, מענדל עלקין, ישראל שאַפיר, כאַזאַנאָוויטש, פונפיאַנסקי א. אַנד. פון זיי האָט זייער פיל אויפגעטאָן דער פאָרזיצער ד״ר שאַבאַד, ער האָט זיך שטאַרק געמיט, אַז אַנסקיס צוואה זאָל אויסגעפירט ווערן, ער האָט אויך געטאָן אַ סך צו באַקומען די אומגעהייער רייכע פאָלקלאָר-מאַטעריאַלן, וואָס זיינען געזאַמלט געוואָרן פון ש. אַנסקי ז״ל אויף זיין גרויסער עטנאָגראַפישער עקספּעדיציע אין יאָר 1913 (ביז אויף 40 בענדער).

דער סעקרעטאַר פון דער אַנסקי-סעקציע זלמן רייזען, האָט זיך אָפּגעגעבן מיט זאַמלען אַלע מאַטעריאַלן, וואָס האָבן אַ שייכות צו אַנסקי. ער האָט אויך געפּרובט אָרגאַניזירן אַ גרויסע אויסגאַבע, געווידמעט דעם לעבן און שאַפן פון ש. אַנסקי (אַנסקי-בוך) און זיך געשטעלט צוליב דעם אין פאַרבינדונג מיט אַלטער קאַציזנע (וואַרשע) און ד״ר חיים זשיטלאָווסקי און ש. ניגער (ניו-יאָרק). ליידער איז נאָך דערווייל ווייניק-וואָס אויפגעטאָן געוואָרן פאַר דעם דאָזיקן געדענקבוך.

אינזש. ראָזענהויז האָט פיל מי אַוועקגעלייגט איינצואָרדענען דעם אַנסקי-צימער אין מוזיי. ז. רייזען, מענדל עלקין, שאַפיר און כאַזאַנאָוויטש האָבן מיטגעהאָלפן צו אָרגאַניזירן דעם גראַנדיאָזן טרויער-אָוונט, צו שלשים פון אַנסקיס פּטירה אין שטאָטזאַל און צום ערשטן יאָרצייט אין קרענגעלס זאַל.

## די קאַטאַלאָג-סעקציע

איז אויך געגרינדעט געוואָרן נאָך אַנסקיס פּטירה, דעם 20-סטן פעברואַר 1921, אַדאַנק דער איניציאַטיווע פון חייקל לונסקי, וועלכער האָט אויך אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פאַר די קאַטאַלאָגן פון די אָנגעזאַמלטע ספרים אין ביבליאָטעק, פון די אָנגעזאַמלטע חפצים אין מוזיי, און פון די אָנגעזאַמלטע מאַטעריאַלן אין אַרכיוו.

אין דער קאַטאַלאָג-סעקציע זיינען אויסגעקליבן געוואָרן ד״ר א. ווירשובסקי (פאָרזיצער), משה שאַליט, הירשאָווסקי, מ. ב. שניידער, ש. שרעבערק און ה. אייזענשטאַט. אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט ה׳ שאַליט אויך אויסגעאַרבעט אַ וויסנשאַפטלעכן פּלאַן, ווי אַזוי איינצואָרדענען די קאַטאַלאָגן.

די קאַטאַלאָג-סעקציע האָט אָפּגעהאַלטן זייער פיל זיצונגען, אָפט מיט איינגעלאַדענע מומחים, יידן און ניט יידן, אָבער צוליב פאַרשיידענע מניעות האָט זיך נאָך ניט איינגעגעבן דעם קאַטאַלאָג פון מוזיי פאַרטיק צו מאַכן און אַרויסצוגעבן. מ׳האָט בלויז די פיל דאָקומענטן, ביכער און חפצים מסדר געווען, אויך אייניקע טויזנט דאָקומענטן איינגעבונדן (למשל — די באַקאַנטמאַכונגען פון די 7 מלחמה-יאָרן — איינגעבונדן לויט אַ כראָנאָלאָגישן סדר). אויך די פּרעסע, וועלכע מ׳האָט ממש צונויפגעשטעלט פון איינציקע בלעטער, צונויפגעקליבן פון וויפילע פּערזאָנען, האָט מען איינגעבונדן אין אַ ריי בענדער, וועלכע האָבן איצט אַ גרויסן ווערט. אויך די איבעריקע דאָקומענטן זיינען שוין מסודר אין פּאַפּקעס און ווערן איינגעשריבן אין קאַטאַלאָג לויט די אינסטיטוציעס און די ענינים, יעדער ענין אָדער יעדער אינסטיטוציע האָט זיך איר „פּאַפּקע״ אין אַרכיוו, און איר „אָפּטיילונג״ אין קאַטאַלאָג.

## דער „פנקס״

איז איינער פון די גרעסטע אויפטוען פון דער געזעלשאַפט. דעם פּראָיעקט פון „פנקס״ האָט דער סעקרעטאַר פון דער געזעלשאַפט נאָך פאָרגעלייגט אין מערץ יאָר 1920.





נאָך אַ ריי זיצונגען פון דער פאַרוואַלטונג איז אָנגענומען געוואָרן דער פּלאַן פון משה שאַליט, וועלכער איז אויך אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן רעדאַקטאָר, ביי דער רעדאַקציאָנעלער קאָלעגיע פון ד״ר א. ווירשובסקי, ש. ל. ציטראָן, ד. קאַפּלאַן-קאַפּלאַנסקי און ד״ר צ. שאַבאַד. צו שאַפן אַ פינאַנציעלן יסוד פאַר דער גראַנדיאָזער אונטערנעמונג האָט מען גענומען זאַמלען פּראָנומעראַנטן און אין איין וואָך איז געוואָרן 20 טויזנט מאַרק (נאָך דער וואַליוטע פון יענער צייט איז עס געווען אַ גרויסער סכום).

אין דער זאַמלונג האָט זיך דאַן אויסגעצייכנט דער מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג ד״ר לעאָן סלאָנימסקי (14 טויזנט), אויך ד״ר ווירשובסקי, פּרוי רובינשטיין, ד״ר שאַבאַד, אינזש. ספּיראָ א. אַנד.

צוליב פאַרשיידענע סיבות איז משה שאַליט שפּעטער אַרויסגעטראָטן פון דער געזעלשאַפט און פאַר רעדאַקטאָרן האָט מען אין מערץ 1921 אויסגעוויילט ש. ל. ציטראָן און זלמן רייזען.

## די ביבליאָטעק

איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1919 לויט דער איניציאַטיווע פון דעם סעקרעטאַר פון דער געזעלשאַפט און איז אין משך פון דער צייט באַרייכערט געוואָרן מיט פיל מתנות, פון די דרוקערייען ראָם, ראָזנקראַנץ און שריפטזעצער, פון ש. שרעבערק, א. י. גאָלדשמידט, צבי אָסוואַרישק, יצחק בוקאַטמאַן, יהודה ראָזנבלום, י. ל. גאָלדבערג, י. ל. עפּעל, ב. גילדין, אליהו פעסקין, הרב הענעך אייגעס, י. א. טריוואַש, מ. שאַליט, ז. רייזען, מ. ב. שניידער, ח. ראַבינאָוויטש, ח. לונסקי, נחום שטיף, ה. מאַטיקאַנסקי, הרב קאַלמאַנאָוויטש. צווישן די מאַנוסקריפּטן פון דער ביבליאָטעק זיינען פאַראַן די אייגנהענטיקע כתב-ידן פון די ווערק פון ר׳ יצחק בער לעווינזאָן, מ. א. גינזבורג, אדם הכהן, א. ב. גאָטלאָבער, י. י. לינעצקי, א. מ. דיק, מענדעלע מוכר-ספרים, ש. י. פין, קלמן שולמאַן, יל״ג, נתן בירנבוים, בעל-מחשבות, פרישמאַן, יהודה שטיינבערג, ש. אַנסקי, א. ווייטער א. אַנד. ווי אויך פון די ספרים פון ר׳ פנחס הלוי חורוויץ, ר׳ מנחם-מענדל ליובאַוויטשער, ר׳ יצחק-אלחנן ספּעקטאָר, ר׳ הלל מפּאַריטש, ר׳ שמואל שאַפּיראָ. אבד״ק טעלש, ר׳ אייזיק שאַפּיראָ פון סלאָנים, ר׳ אשר מרגליות אבד״ק ראַקישאָק, ד״ר יחיאל-מיכל ראַבינאָוויטש פון פּאַריז, ר׳ נפתלי מו״ץ בבערדיטשוב (פון יאָר תקלב מיט די שו״ת פון האדמו״ר רש״ז לאַדיער רבי), ר׳ אלימלך מליזענסק, אַ כתב-יד דרשות פון יאָר תר״ז, די צוואה פון ר׳ אברהם דאַנציג, דעם מחבר פון „חיי אדם״, אַ כתב-יד אין קבלה פון ר׳ יוסף שוגעל, דריסער רב, אַ כתב-יד פון ר׳ יעקב פעסקין, ר״מ פון ישיבה ר׳ מיילא, אויך זיין הגדה „יד החזקה״ מיט פיל צוגעשריבענע הערות א. אַנד.

צווישן די מאַנוסקריפּטן פון א. מ. דיק זיינען פאַראַן אייניקע, נאָך ניט קיין פאַרעפנטלעכטע, ווי, למשל, חיבורים אויף די פּרשיות פון דער וואָך תולדות, ויצא, וישלח, וישב א. אַנד. אינטערעסאַנט איז דער אָפּמאַך צווישן ראָמס דרוקעריי און דיקן, לויט וועלכן דיק איז זיך מתחייב צוצושטעלן אַלע וואָך אַ בויגן צום דרוק למקח 1 רוכ׳ וחמשים קאָפּ. און טאָר אין משך פון יאָר ניט אַרבעטן פאַר קיין אַנדער פאַרלאַג.

צווישן די אַנדערע כתב-ידן האָט אַ באַזונדערן אינטערעס די מתנה פון ש. אַנסקי — אַ „סידור כל בו״, געשריבן אויף פּאַרמעט, וואָס דער פאַרשטאָרבענער זאַמלער אונזערער האָט געפונען אין גאַליציע, ווי אויך דער סידור „תכלות-הקראים״ (אַ מתנה פון ה׳ בערמאַן פון שאַוול), אין וועלכן עס זיינען אגב פאַרשריבן די תולדות פון די מחברים פון די תפלות, אויך פיל תפילות אין טאָטעריש מיט העברעאישער שריפט. אַ ווערטיקער אוצר פון דער ביבליאָטעק זיינען די פנקסים, וואָס זי פאַרמאָגט, צווישן זיי — פון ווילנע גופא און פון אַנדערע קלענערע קהילות.

פון די ווילנער פנקסים איז אינטערעסאַנט דער פנקס פון די גבאים פון „בדק הבית״ פון יאָר תקנא — תקצב (1832 — 1791); אין רשות פון די דאָזיקע ווירטשאַפט-גבאים איז געווען די ווילנער גרויסע שול, דער שולהויף, דער מרחץ מיט די רערן וואַסער, די „געגנזלאַרניע״, אויך אייניקע קראָמען, ווי אַ שענק, אַ מעלשטוב, אַ פּוטער-קראָם, אויך אַ חדר א. אַנד., וועלכע האָבן זיך געפונען אויפן שולהויף און יידישער גאַס הינטער דער גרויסער שול; דאָס אַלץ פלעגן די גבאים אַוועקגעבן אין אַרענדע און פון דעם אַרענדע-געלט אויסגעהאַלטן די גרויסע שול. א. אַנד. אינטערעסאַנט זיינען אייניקע פּונקטן פון דער אַרענדע, למשל— אַז ביי לומדים דאַרף מען קיין מרחץ-געלט ניט נעמען, אַז מען טאָר ניט נעמען מער ווי די טאַקסע, מען מוז אַלע וואָך רייניקן די קובלען פון מרחץ און אויף דעם דאַרפן אַכטונג געבן די גבאים פון „בקור חולים״; פון אַרענדע-געלט — ווערט אַ צייט דערמאָנט — דאַרף מען אויך צאָלן דער אלמנה פון הגר״א ז״ל (10 גילדן אַ וואָך), דעם שטאָט-מגיד און דער אלמנה פון גבאי ירוחם פישל, וועלכער האָט פאַרריכט דעם מרחץ (אייניקע גילדן אַ וואָך).

אינטערעסאַנט זיינען אויך די כתבי-חזנות פון די מפורסמדיקע חזנ׳ים לאָמזשער און פיינזינגער, היינו — אַז זיי זיינען מחויב צו דאַווענען אַלע טאָג אין דער גרויסער שול און לערנען אַלע נאָכן דאַווענען אַ שעור משניות און גמרא; שכירות באַקומען זיי פון „צדקה גדולה״ 4 רוכ׳ אַ וואָך, פון „בדק הבית״ 50

קאָפּ א וואָך, אויך פון הזכרת-נשמות-געלט, און זיי מעגן חנוכה גיין בעטן חנוכה-געלט און דעם „באַס" מיט די „פייפערס" האַלט אויס „צדקה-גדולה".

ניט קיין קלענערן אינטערעס האָט דער כתב מגידות פון ר' יחזקאל פייוויל אין יאָר תקע"א; ער הייבט זיך אָן מיט אַזאַ נוסח אין לשון-הקודש: „אזוי ווי דער פריערדיקער מגיד ר' משה איז קראַנק, ער קען ניט ריידן ר"ל און אזוי ווי די שטאָט קען דאָך ניט בלייבן אָן אַ מגיד אַ מוכיח, וועלכער זאָל אָנווייזן, ווי מען זאָל זיך נוהג זיין, על-כן האָבן מיר אויפגענומען ר' יחזקאל פייוויל פאַר אַ מגיד"... דערנאָך ווערן אויסגערעכנט די פונקטן, אַז פון ניסן ביז כסלו דאַרף ער זאָגן אין גרויסער שול און פון כסלו ביז ניסן אין גחש"א; די שכירות איז פון קהל—20 גילדן אַ וואָך און אייניקע גילדן פון „בדק הבית" און פון גחש"א; אין דעם כתב איז אויך דאָ אַ פונקט, אַז דער מגיד איז ניט מחויב צו פסקנען שאלות א. אַז. וו.

אין דעם פנקס פון גמ"ח פון די ווילנער דרוקער (אַ מתנה פון ח. לונסקי) איז אינטערעסאַנט די הקדמה, וועלכע כאַראַקטעריזירט דאָס יידישע אַרבעטער-לעבן אין די זיבעציקער יאָרן; דאָרט ווערט דערציילט, ווי אַזוי דער גמ"ח איז געגרינדעט געוואָרן, אַז פון די דריי קאָפּיקעס אַ וואָך „וואָכער" איז געווען באַשטימט איין קאָפּיקע פאַרן שמש פון קלויז „דרוקער" (זי געפינט זיך אויף גלעזער-גאַס) און 2 קאָפּיקעס אויפן גמ"ח און אַ. וו. אין אים געפינען זיך אויך ציורים און בילדער פון די גרינדער.

דער פנקס פון דער אַלטער ח"ק משמורים פון מקרא און מדרש פון גאונס קלויז (דעפּאָזיט פון גאונס קלויז) איז באַנייט געוואָרן אין יאָר תרל"ה. איין תקנה פון דעם דאָזיקן פנקס זאָגט: „נמנו וגמרו שבליל שמחר יום התענית פטורים מדגל המשמר". צווישן די חברים פון דער חברה געפינען זיך נעמען פון אַמאָליקע ווילנער גרויסע רבנים. דאָרט ווערט אויך דערמאָנט וועגן חלוקת הש"ס, וואָס מען פלעגט מאַכן אַלע יאָר און יעדערער, וואָס האָט זוכה בגורל געווען זיין מסכת, האָט זי געמוזט דורכן יאָר דורכלערנען.

דער פנקס פון „חברה משניות" אין גאונס קלויז פון יאָר תק"ע (דעפּאָזיט פון גאונס קלויז) איז אינגאַנצן פאַרשריבן נאָר מיט צונעמען חברים און מיט די חשבונות פון די סיומס. אינטערעסאַנט איז דער חשבון פון סיום פון יאָר תקע"ב, וועלכער האָט אָנגעטראָפן 469 גילדן, דהיינו: עס איז געווען 27 גענז—59 גילדן, 30 הענער—29 גילדן, 4 אינדיקעס—16 גילדן, אַ פור אויף פירן קוילענען—1 גילדן, שחיטה-געלט—21 גילדן, 4 ווייבער פאַרן פליקן די עופות—3 גילדן, י"ש 6 טעפּ—28 גילדן, 2 טון ביר 41 גילדן, 4 טעפּ זאַלץ—6 גילדן אַ האַלב פונט פעפער—1 גילדן, 1 לויט מיט אַ פערטל זאַפראַן—6 גילדן, דעם סאַרווער—13 גילדן, 2 קעכינס—9 גילדן, די משוררים—3 גילדן א. אַז. וו. וועגן דער דאָזיקער „חברה משניות" גופא איז דאָ אַ לעגענדע, אַז דעם ערשטן שיעור פון דער חברה האָט געזאָגט דעם גאונס זון ר' אברהם און דער גאון אַליין איז געשטאַנען און זיך איינגעהערט.

דער פנקס פון גמ"ח פון דער חברה שלאָסערס אין ווילנע (דעפּאָזיט פון ר' שמואל מלמד) פון יאָר תרל"ט הייבט זיך אָן מיט אַן הקדמה בזה הלשון (אין לשון-הקודש): „מודעת זאת כי על שלשה דברים העולם עומד על התורה ועל העבודה ועל גמילות חסדים דעריבער האָבן זיי געגרינדעט די חברה און איר ציל איז צו מחזק זיין די דריי עמודים, צוערשט אָבער—גרינדן אַ קלויז, און אויף דעם זאָל יעדערער צאָלן חבר-געלט דריי קאָפּ אַ וואָך, און ניט ווינציקער פון 2 קאָפּ און פון דעם געלט, ביז וואַנעט מען וועט בויען אַ קלויז, איז אויב איינער וויל לייען אַ גמ"ח, דאַרף ער ברענגען אַ משכון, וואָס זאָל זיין ווערט אין טאָפּלט פון גמ"ח, דער גמ"ח טאָר ניט באַטרעפן מער פון דריי רו"כ אויף אויסצוצאָלן 5 קאָפּ אַ וואָך; אויך שטיצע אַז איינער ווערט קראַנק דאַרף מען געבן נאָך זיין געצאָלט פון די וואָכער: אויב ער צאָלט 2 קאָפּ אַ וואָך—איז 10 גילדן שטיצע, און אויב 3 קאָפּ 15 גילדן" א. אַז. וו. אין דעם פנקס געפינען זיך אויך פּרימיטיווע שיינע ציורים.

אין דעם פנקס אנשי ישורון עוסקי בבתי המרכלת נקובי בשם „חסן ישועות" נתיסדה בשנת תרל"ב (ד"ה פון אָנגעשטעלטע - איצט געפינט זיך די חברה אין קלויז יאָגיכעס; דער פנקס—אַ מתנה פון דניאל געצעלס) איז זייער אינטערעסאַנט די הקדמות אין זייער אַ שיינעם העברעאיש, אין וועלכע עס שפיגלט זיך אָפּ די אַרבעטער-באַוועגונג אין די 70-קער יאָרן. דער מיטגלידס-אָפּצאָל איז געווען פון 2 ביז 5 קאָפּ אַ וואָך—אויף צו שטיצן די אַרבעטסלאָזע; צווישן די חברים-אָנגעשטעלטע געפינען זיך ישראל בונימאָוויטש און יחזקאל לטבלא, דער מחבר פון מערכת ספרי מסחר א. אנד. צווישן די תקנות איז זייער אינטערעסאַנט די תקנה, אַז מען זאָל צונעמען פאַר חברים נאָר אַזוינע פּערזאָנען, וואָס זיינען טאַקע אָנגעשטעלטע און זיינען אויך פעאיק צו זיין אָנגעשטעלטע אין אַ קראָם אָדער אַ וועלכעס עס איז אַנדער געשעפט. ווייטער איז דאָ אַ תקנה, אַז די חברים מוזן קומען דאַוונען לכה"פ איין מאָל אין חודש „שבת מברכים" און די גבאים—אַלע שבת. עס ווערט דאָרט אויך דערמאָנט, אַז די חברה איז געמאַכט געוואָרן, כדי די מלוכה זאָל זיי אַריינגעמען אין די „ראַזריאַדן" און ניט רעכענען פאַר ליידיקגייער. אויך אין דעם פנקס געפינען זיך שיינע פרימיטיווע ציורים.

פון די אַנדערע ווילנער פנקסים איז דאָ אין דער ביבליאָטעק דער פנקס פון דער חברה „מלביש ערומים" (אַ מתנה פון ח. לונסקי).

ווייטער האָט די ביבליאָטעק די פנקסים פון „חברה משניות" פון ראַקאָווסק (דעפּאָזיט פון הרב קאַלמאַנאָוויטש), פון דער חברה קדישא גחש"א פון מושניק (אַ מתנה פון נחום שטיף), פון דער חברה „שלחן ערוך" פון מערעטש (פון יאָר תרל"ב—תרס"ג—אַ מתנה פון ה' מאָטיקאַנסקי), פון ח"ק „שומרים לבקר" פון סלאָנים (פון יאָר תקס"ג—דעפּאָזיט פון קלויז גחש"א), דעם פנקס פון שאַקי (פון יאָר תקל"ה—תר"ח, אַ מתנה פון נ. שטיף) און דעם פנקס פון די חובבי ציון אין וואָלאָזשין.

עס געפינען זיך אין ביבליאָטעק אייניקע אַלטע הגדות מיט ציורים, צווישן זיי אַ הגדה מיט אַ ענגלישן איבערזעץ און מיט ציורים—רעפּראָדוקציעס פון דער פּראָגער הגדה פון יאָר 1527 און מיט נאָטן, נאָך אַן אַלטע הגדה מיט אַ פירוש פון אַברבנאַל, געדרוקט אין דאָרף ביסטריוויץ אין יאָר 1593 (אַ מתנה פון פרץ הירשביין).

וויכטיק איז די קאָלעקציע אַלטע יידישע ספרים, געזאַמלט אין פאַרשיידענע שטעטלעך פון מינסקער גובערניע ווי ראַקאָוו, קאָידאַנאָוו, דורך דעם שריפטשטעלער בנציון רובשטיין אין יאָר תרע"ד א. אנד. פאַרן מוזיי פון דער געזעלשאַפט „ליבהאָבער פון יידישן אַלטערטום", וועלכע זיינען צוזאַמען מיטן מוזיי אַריבער אין יאָר 1919 צו דער „היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט". פון די דאָזיקע ספרים איז צו דערמאָנען: „חבורי לקט פי' על נביאים וכתובים וכל מלות חמורות מבוארות בלע"ט מאת ר' אברהם ש"ץ בקרעמעניץ", לובלין שע"ב (1612) $2^0$; „תנ"ך ישעיה ירמיה תהלים משלי איוב דע"נ ודברי הימים ע"פ מלוקט מכל המפרשים בלע"ט בשם „המגיד" לר' יעקב בר' יצחק קאָפּוסט", תקע"ג 4; תנ"ך ע"פ רש"י ולע"ט, נעתק ע"י ר' מנחם מן ונקרא בשם „מגישי מנחה", אַמשטרדם תקט"ו $4^0$; „נחלת צבי דברי מוסר וספורים מהזהר לר' צבי הירש חאטש שהעתיק אבי זקנו ר' אליעזר זעליג אבד"ק קורב לל"א קאָפּוסט", תקע"ב $4^0$; „קב הישר עם לע"ט מוסר השכל ומעשים נוראים מלוקט מספרי יראים לר' צבי הירש קיידינובר", ווילנא תקע"ו $4^0$; „מענה לשון תחנות ובקשות על קברי אבות מאת יעקב בר' אברהם שלמה דרשן שינגא עם לע"ט ע"י ר' אליעזר ליבערמאַן סופר", ווילנא 1837 (אַ מתנה פון פינקל); „מלאכת מחשבת חכמת החשבון בלע"ט מאת ליבין גאָלדינבאַרג", וואַרשא תרי"ז, $8^0$; „מנורת המאור לר"י אבוהב עם תרגום יהודית מאת ר' משה פראַנקפורט", 4; אַ ריי אַלטע מחזורים און טייטש-חומשים, נאָר עס פעלט אין זיי די שערים. אין דער ביבליאָטעק זיינען אויך דאָ אייניקע אַלטע ספרים אַנטיקן, ווי למשל, „ארבעה חרשים לר' ישכר בער בר' אלחנן דרשות ע"ד הקבלה ע"ד מלכי בית דוד ועניו משיח בן יוסף" פפד"מ תמ"א $2^0$; „נצח ישראל למהר"ל מפראָג על הגלות וביאת המשיח", פּראָג, „משניות קדשים עפ"י הרמב"ם, ווינעציאה, רפ"ח" $2^0$.

פאַר דער לעצטער צייט האָבן זיך אויך באַקומען פיל ספרים, דהיינו דורך מ. שאַליט פון ביכערלאַגער „יעקאָפּאָ", 33 ביכער איבער פאָלקלאָר און געשיכטע, פון ב. א. קלעצקין—41 ביכער פון זיינע אויסגאַבן, פון יהודה-לייב עבעל 90 בראָשורן פון זיינע אויסגאַבן, פון הירש איינשטאַט—118 דייטשע ביכער פון דער אָקופּאַציע-צייט, פון אַראָנסאָן—אַ בוך פון אָדעסער ראַבינער גורלאַנד מיט אַ אויפשריפט פאַרן קייזער אלכסנדר דעם צווייטן פון יאָר 1863, פון סלאָנימטשיק-אַברבנאַל אויף תורה פון יאָר של"ט—1579, פון פּרוי עמאַ באַק אַ הגדה ש"פ מיט שיינע ציורים, פון יצחק ברוידעס — אַ טייל „עיט צבוע" פון א. מאַפּו מיט דער דאָזיקער אויפשריפט פון מחבר: „אל כביד ידידי מרחוק המשכיל ע"ד וכו' ראובן קאהן שלוחה לו בהגות תודה מאת המחבר קאָוונאָ 1 יולי 1863. הנני להוציא שנית א"צ ומחברתי הגדולה, והנפלאה מכל אחותיה „אשמת שמרון" כאשר הודעתי הדברים במכתב ערוך בהכרמל 44 שנה זו", אויך ביאַליקס שירים הוצאת תושיה אַ מתנה פון מחבר צו שלום עליכם מיט אַזאַ אויפשריפט: לנעים סופרנו בלשון העם ש. ראַבינאָוויץ מזכרת חבה מאת המחבר י' אד"ש תרסב אודיסה" (אַ מתנה פון זלמן רייזען), אין פּויליש טשאַצקיס בוך „ראָזפּראַוואַ אָ זשידאַך" ווילנע יאָר 1807 און דאָס בוך אין רוסיש

Русскіе люди о евреяхъ, спб. 1891 8a

„סליחות מנהג ליטא עם סליחות על הקדושים לר' משה מרגליות ובסופו מגלה עפה ספורי הגזרות ת"ח ות"ט לבעל הש"ך אמשטרדם 1651" $2^0$, געבונדן אין פאַרמעט (אַ מתנה פון לונסקי), אייניקע ביכער, צווישן זיי די נאָטן פון פיינזינגער (אַ מתנה פון סילין), אייניקע ביכער נאָטן פון ר' מרדכי עפראָן, געקליבן פון פאַרשיידענע אַלטע חזנים, פון זיין פאָטער ר' אברהם חיים (געווען 28 יאָר חזן שני אין ווילנער גרויסער שול), איין בוך נאָטן פון ר' חיים שקאָדל, געוועזענער קרעטינגער חזן. צווישן די נאָטן געפינען זיך פיל זאַכן פון ר' יוסף סלאָנימער און ר' ישראל מינסקער און פון נאָך אַלטע באַוואוסטע חזנים. עס געפינען זיך אויך צונזערס מעלאָדיען און נאָטן פון חזן גורעוויץ, ראָסטאָווער חזן (אַ מתנה פון ח. לונסקי), אויך די צוויי זאַמלביכער פון נאָטן עבודת הבורא אַרויסגעגעבן פון א. מ. בערנשטיין; 4 ביכער „מיטטיילונגען דער געזעלשאַפט צו ערפאָרשן די יידישע קונסטדענקמעלער" מיט זייער פיל ציורים.

אין דער ביבליאָטעק געפינען זיך אויך צייטונגען פאַר די גאַנצע 7 מלחמה-יאָרן ווי די „לעצטע נייס", „Wilnaer Zeitung", „טאָג", „יידישע צייטונג", „אונזער פריינד", און נאָך פיל צייטונגען אין אַנדערע שפּראַכן; אויך פיל באַריכטן, חשבונות פון געזעלשאַפטן און פאַראיינען און נאָך פיל פאַרשיידענע ספרים.

די ביבליאָטעק איז אַ ווערטפולער אוצר און אַ וויכטיקער פונדאַמענט צו דער אַנטוויקלונג פון אַ ספּעציעלער ביבליאָטעק פאַר געשיכטע, פאָלקלאָר אַ. אַז. וו.

## דער אַרכיוו

איז אויך געגרינדעט געוואָרן לויט דער איניציאַטיווע פון סעקרעטאַר אין יאָר 1919 און איז פאַר דער צייט באַרייכערט געוואָרן מיט די אַרכיוון: פון דער „היסטאָרישער קאָמיסיע" ביי „מפיצי-השכלה" (דורך מ. שאַליט), פון „אגודת אחים" (דורך ש. שרעבערק), פיל דאָקומענטן פון אַרכיוו יק"א (דורך אינזש. אידעלסאָן), פיל „דיעלאָס" פון קאָנסיסטאָריע וועגן משומדים און פיל „דיעלאָס" פון ווילנער בילדונגס-קוראַטאָריום וועגן מלמדים אַ. אַז. וו. אויך פיל דאָקומענטן פון ל. גאָלדבערגס ציוניסטישן אַרכיוו (דורך י. הירשאָווסקי און סעקרעטאַר), פיל דאָקומענטן פון אַרכיוו א. מ. ניישול (דורך מ. בערנשטיין), פון „חובבי שפת עבר" (דורך ב. מ. שניידער).

דעם גרויסן אַרכיוו פון דער ראַבינערשול (1847—1873) און פון לערער-אינסטיטוט (וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן נאָכדעם ווי די ראַבינערשול האָט זיך פאַרמאַכט, 1873 — 1915).

פון ב. א. קלעצקין—אַ האַנדלסבילעט פון יאָר 1912 פאַר שלום אַש, כדי ער זאָל האָבן וואוינרעכט אין פעטערבורג;

דער אַדרעס פון ווילנער געמיינדע צו א. גרוזנבערג און די איבעריקע פאַרטיידיקער פון מענדל ביילים; וויכטיקע דאָקומענטן פון י. ל. עפּעל, ד"ר צ. שאַבאַד (צווישן זיי די סמיכות פון ווילנער ראַבינער גאָרדאָן פון יאָר 1874 אין אַ שיינעם העבּרעאיש מיט די אונטערשריפטן פון די ווילנער רבנים הג"ר בצלאל און הג"ר בנימין מרדכי טילעס, אויך פון ברעסלעווער סעמינאַריום מיט די אונטערשריפטן פון פּראָפ. לאַצאַרוס א. אַנד.), פון ראָגאָוו—אַ דאָקומענט פון יאָר 1851 אין יידיש און רוסיש, אַז יידן זאָלן זיך פאַרשרייבן פאַר עובדי-אדמה און דערפאַר וועט מען זיי באַפרייען פון מיליטערדינסט א. אַנד., פון מ. שאַליט—די רשימה פון די אוקראַאינער פּאָגראָמען; אויך אַ אַלטער דאָקומענט פון יאָר 1823, אַ הודעה פון פּאָליציי אין יידיש און אין פּויליש, אַז יידן טאָר מען ניט פאַרדינגען קיין דירות און קראָמען מחוץ דעם געטאָ אין די הויפּטגאַסן,— ווי אָסטראָבראַם, יאַנגאַס, דאָמיניקאַנער, גרויסע, שלאָסגאַס און טראָקער.

פון ש. באַסטאָמסקי—דער אַרכיוו פון לערערגעזעלשאַפט פאַר 1916—1918, פון ישראל גורעוויץ—פיל דאָקומענטן; אַ פּראָטאָקאָל פון דער געהיים-פּאָליציי וועגן הערצלס באַזוך אין ווילנע אין אַווגוסט יאָר 1903 (דורך אינזש. אידעלסאָן); זייער פיל דאָקומענטן און צייטונגען פון רעדאַקטאָר פון „טאָג" ה' זלמן רייזען, אויך פון רעדאַקטאָר פון „אונזער פריינד" ה' משה כהן. פיל אַלטע דאָקומענטן פון ר' יעקב זאַלקינד, יהושע שמוקלער, יצחק ברוידעס, חיים ראַבינאָוויטש.

אין אַרכיוו געפינען זיך אויך פיל בריוו פון גאונים, שריפטשטעלער און כלל-טוער, די קאָלעקציע פון קרוב 40 בריוו פון פרוי ראַטנער פון דער גאַנצער געלערנטער וועלט, וועלכע האָבן געשריבן צו איר מאַן ר' בער ראַטנער ז"ל, צווישן זיי פון פּראָפ. דניאל כוואָלסאָן, פּראָפ. קאָקאָווצעוו, פּראָפ. שירער, שטראַק, באַכער, פרץ חיות, בלוי, א. בערלינער, שמואל קרויס, א. הרכבי, ד"ר פּאָזנאַנסקי, ד"ר אַדלער און פּראָפ. גוטמאַן, פון די גאונים, ר' חזקיהו מדיני, ר' שלמה-לע א. אַנד. פון דרוק ראָם—פיל בריוו נאָך ניט קיין געדרוקטע פון דיכטער י"ל גאָרדאָן. אויך די בריוו צו יהודה-לייב עפּעל און י"ל גאָלדבערג פון אחד-העם, אוסישקין, שפ"ר, ר. בריינין י. טשלענאָוו, ד"ר אייזענשטאַדט, פון די גאונים ר' שמואל מאָהילעווער און ר' יצחק יעקב ריינעס. פון ש. שרעבערק—בריוו פון פרץ סמאָלענסקין, דינעזאָן, לינעצקין; פון ב. גאָלדבערג—די בריוו פון רעדאַקטאָר פון „ראַזסוועט" אָסיפּ ראַבינאָוויטש פון די יאָרן 1858—1867 צו לעוואַנדאָ, פון שוב—בריוו פון צדוק הכהן. פון פרוי אסתר רובינשטיין—בריוו צו איר פאָטער הגאון ר' ירמיהו פלעסענבערג פון די גאונים ר' יחזקיהו מדיני און ר' חיים בּאָרלין. פון פרוי גראַמפּער—צוויי בריוו צו איר מאַן ר"י ז"ל פון הגאון ר' יצחק אלחנן. פון גאָלאָמב—אַ בריוו צו אים פון ד"ר הערצל. פון מיאַסניק—אַ בריוו פון דוד וואָלפסאָן. פון בוכהענדלער יעקב הירשאָווסקי—פיל בריוו צו אים פון דובנאָוו, בריינין, פון ש. זאַקס דורך ז. רייזען—בריוו צו אים פון שלום-עליכם און אַ בריוו פון זיין פעטער מיכל גאָרדאָן צו יהודה לייב גאָרדאָן; די איבערגעבליבענע מאַנוסקריפּטן און דאָקומענטן פון א. ווייטער; פון מענדל עלקין—בריוו פון י. ל. פרץ צו א. ווייטער. פון עפּעל, זאַלצבערג און דורך דעם סעקרעטאַר—אַלע דייטשע און פּוילישע באַקאַנטמאַכונגען, וועלכע זיינען איינגעבונדן אין פיל בענדער לויט דער כראָנאָלאָגיע, אויך פאַרשיידענע קול-קוראַס, מודעות און אַפישן, פּראָקלאַמאַציעס, געזאַמלט דורך דעם סעקרעטאַר און אויך די רשימות און די אויפרופן צו די וואַלן אין דער גאָס:דאַרסטווענער דומע, צום שטאָטראַט, צו דער קהילה, סיים א. אַ. צולעצט האָט זיך דורך דער השתדלות פון פאָרזיצער ד"ר א. ווירשובסקי און ה' הירשאָווסקי באַקומען פון דירעקטאָר פין מלוכה-אַרכיוו ה' סטודניצקי פיל דאָקומענטן און ליטעראַטור פאַר די גאַנצע 7 מלחמה-יאָרן.

זייער וויכטיק איז דער יורידישער אַרכיוו פון דער קהילה, וועלכער שפּיגלט אָפּ די שרעקלעכע געשעענישן און איבערלעבונגען פון דער לעצטער צייט.

אינטערעסאַנט איז אויך דער אַרכיוו פון יהושע שטיינבערג, וואו עס געפינען זיך פיל בריוו צו אים פון יעפּיסקאָפּ פילאַרעט פון יאָר 1873—1882 און נאָך פיל אַלטע דאָקומענטן, וועלכע כאַראַקטעריזירן יענע עפּאָכע.

אין אַרכיוו געפינט זיך אויך די גאַנצע יידישע פּרעסע, ווי אויך אַ טייל פון דער ניט-יידישער פאַר די מלחמה-יאָרן, אויך פיל אַלטע כתבי שותפות, שטרי-מכירות און אַנדערע אַלטע דאָקומענטן, וועלכע עס איז שווער גאָר אויסצורעכענען.

דער אַרכיוו איז פאַרן קומענדיקן היסטאָריקער אַן אוצר ניט אויסצושעפּן.

## דער מוזיי

איז געגרינדעט געוואָרן דורך דער געזעלשאַפט „ליבהאָבער פון יידישן אַלטערטום" אין יאָר 1913. די געזעלשאַפט גופא איז פון דער מאַכט דעם 14-טן פעברואַר פאַררעגיסטרירט געוואָרן.

די גרינדער זיינען געווען בן-יעקב, ד"ר ווירשובסקי, אַדאָלף גאָרדאָן, א. ליפּעץ, א. מ. ניישול, ס. טראָצקי, און ש. עליאַסאָן. זיי האָבן אָפּגעדרוקט די תקנות אין יידיש און רוסיש, אויך אַ וואַרימען קו"ק וועגן היטן און זאַמלען יידישע חפצים פאַרן מוזיי.

דעם 14/3 יאָר 1913 איז געווען די עפענונג פון מוזיי און דאַן איז אויסגעוויילט געוואָרן די פאַרוואַלטונג, אין וועלכער עס זיינען אַריין: א. גאָרדאָן, אינזש. פרענקעל, ד"ר ווירשובסקי, ד"ר וויגאָדסקי, ד"ר שאַבאַד, עליאַסאָן, טמאָרגאָנסקי, א. מ. בערנשטיין, וולאַדימירסקי, בנציון כץ און ב. ראַטנער, און אַלס קאַנדידאַטן הרב ר' חיים-עוזר גראָדזענסקי, ב. קלעצקין, ליפּמאַן-לעווין, אַדוו. טראָצקי, ד"ר ראָזענטאַל, ד"ר העלער; אין רעוויזיאָנס-קאָמיסיע ד"ר שאַ-טענשטיין, מיכעלסאָן, אינזש. ספּירא. די הויפּטטוער אין מוזיי זיינען געווען אינזש. פרענקל און דער ערשטער פאַרוואַלטער פון מוזיי—דער שריפטשטעלער בנציון רובשטיין, וועלכער איז געפאָרן איבער די קליינע שטעטלעך, ווי ראַקאָוו, קאָידאַנאָוו, רובזשעוויטש, וואָלאָזשין א. אַנד. און אָנגעזאַמלט קרוב 200 נומערן, צווישן זיי פיל אַלטע ספרים, ידן, אַ כתר, צדקה-פּושקעס א. אַז. וו.

אין יאָר 1914 האָט שוין דער מוזיי געהאַט זייער אַ רייכע זאַמלונג פון מתנות און דעפּאָזיטן, אָבער אָנפאַנג מלחמה האָט אינזש. פרענקל די אַלע דעפּאָזיטן אַוועקגעגעבן און די איבעריקע זיינען עוואַקואירט געוואָרן קיין מאָסקווע; עס זיינען געבליבן בלויז די מתנות, צווישן זיי די סקולפּטורן פון אַנטאָקאָלסקי און אַראָנסאָן, וועלכע מ'האָט גענומען ביי דער „קונסט- און האַנדלס-געזעלשאַפט", אויך אייניקע רעליגיעזע חפצים, וועלכע מ'האָט גענומען אין ווילנער גרויסער שול. סוף יאָר 1914 איז בנציון רובשטיין אַוועקגעפאָרן און אויף זיין אָרט איז אָנגעקומען דער שריפטשטעלער א. מ. גאָלדשמידט, וועלכער האָט אויך געזאַמלט פיל חפצים און איז געווען פאַרוואַלטער פון מוזיי ביז אין מיט יאָר 1915. שפּעטער (פון י. 1920) פּרל. רעשאַנסקי.

דאַן איז דער מוזיי פאַרמאַכט געוואָרן און די געזעלשאַפט „ליבהאָבער פון יידישן אַלטערטום" איז בטל געוואָרן. דעם 20-טן פעברואַר פון יאָר 1919, ווען אַנסקי האָט געגרינדעט די היסטאָריש-עטנאָגראַפישע געזעלשאַפט, איז דער מוזיי אַריבער אין רשות פון דער געזעלשאַפט.

דער מוזיי איז אַ קאָלאָסאַלער אוצר, אין וועלכן עס געפינען זיך די שאַ-פונגען פון אַנטאָקאָלסקי (דריי מאָדעלן פון אַ דענקמאָל פאַר אַלעקסאַנדער II, פון זיי שטעלט איינע פאַר די באַפרייאונג פון די לייבאייגענע פּויערים, אויף זיי האָט דער סקולפּטאָר געאַרבעט אייניקע יאָר, נאָר מ'האָט זיי ניט אָנגענומען; זיין „חריף ובקי", נתן החכם און טורגעניעוו, אויך רעפּראָדוקציעס פון זיינע איבעריקע אַרבעטן), פון אַראָנסאָן (בעטהאָווען אַלס קינד, בעטהאָווען בשעת זיין שאַפן, אַ ביוסט פון אַן אַלטער פרוי, צוויי ביוסטן פון יונגע מיידלעך און פון אַ בלינדן יינגל), פון אליהו גינצבורג, אַנטאָקאָלסקיס תלמיד (דער ביוסט פון אַנטאָקאָלסקי), פון יונגן סקולפּטאָר טרעגער (דער ביוסט פון ש. אַנסקי און אַנד.), נאָך אַ ביוסט פון ש. אַנ—סקי פון קינסטלער מ. לייבאָווסקי, אויך אַ ביוסט פון קינסטלער סטראַזש.

פון די בילדער איז אינטערעסאַנט אַן אַלט איילבילד פון ווילנער גאון, אַן איילבילד „אַנטאָקאָלסקי" פון קינסטלער רעפּין, דאָס בילד פון גרויסן יידישן מאָלער לעוויטאַן פון פּראָפ. באַקשט, אַן אויסגענייט בילד „אסתר בעט ביי אחשורושן", בילדער פון אינקוויזיציע, תשעה-באב, כותל-מערבי, אַ שיינער מזרח (אַ מתנה פון שריפטשטעלער שלום אַש) מיט זייער שיינע ביבלישע ציורים, ווי אדם וחוה, הבל און קין, עקדת יצחק, יעקבס חלום, נאָך אַ מזרח מיט ציורים משה און אהרן און תפלות, אָפּשפּרעכענישן און רשימות פון די שופטים און די מלכים א. אַז וו. דריי גראַמאָטעס פון פּוילישע מלכים פאַר יידן מיט זייערע שטעמפּלען, געשריבן אויף פּאַרמעט, כפּורתן און פּרוכתן געשטיקט מיט גאָלד פון ווילנער גרויסער שול, אייניקע יידישע מטבעות, צוויי זעלטענע קינסטלערישע חנוכה-לאָמפּן, אַ זילבערנער לייכטער פון ווילנער גרויסער שול, פיל פאַרשיידענע „הדסן", פאַרשיידענע „ידן" פון זילבער, ביין, האָלץ, פאַרשיידענע עץ-חיימס, אַן אַלטער כתר פון ווילנער גרויסער שול, 5 קליינע ספרי תורות און דריי גרויסע, אויך די הפטרות נאָכן סדר פון די סדרות מיט פּונקטאַציעס, דריי זעלטענע מגלות אסתר, אַ זילבערן שרייב-געצייג מיט אַן אויפשריפט „צום 70-יאָריקן יובילי" פון שריפטשטעלער שמואל-יוסף פין פון די ווילנער חובבי-ציון", נאָך פיל אַלטע כלי-בית, קופּערנע טשייניקעס, וואָס מען פלעגט אַמאָל פאַררוקן מיט טיי,

טשאָלנטטעפּ, קענדלעך מיט צוויי אויערן, נאָך פֿיל אַנדערע רעליגיעזע חפצים, ווי פֿאַרשיידענע יום-כּפּורדיקע יאַרמלקעס, מענטעלעך מיט שיינער אויסנייאונג, שטיקלעך צעריסענע ספֿרי-תּורות פֿון די פּאָגראָמען, „סטאַטשיקעס“ וואָס מען פֿלעגט אַמאָל מעסטן פֿעלד און דערנאָך פֿון די פֿאָדים מאַכן וועקסענע ליכט און געבן אין די קלויזן צום לערנען א. אַז. וו.

אַן אַלבאָם מיט אַלע באַגריסונגען צום יובילײַ פֿון י. ל. פּרץ—ל״ג בעמר תּרס״א (אַ מתּנה פֿון ב. א. קלעצקין), צווישן זיי—די באַגריסונגען פֿון דובנאָוו, פּרוג, אידעלסאָן, בן ציון כּץ, ציגבערג, מענדעלע מוכר-ספֿרים, בן-עמי, ביאַליק, דרויאַנאָוו, ראַבניצקי, ש. בן ציון, ש. ראָזנפֿעלד, יעקב כּהן, ד״ר ש. בערנפֿעלד, אַן אַדו עס, אונטערגעשריבן פֿון אברהם רייזען, שלום אַש, יעקב דינעזאָן.

זייער אינטערעסאַנט איז אַ שיר לכּבֿוד דעם יובילאַר פֿון אברהם רייזען און אַ בריוו פֿון שלום-עליכם מיט אַ שיר דערצו.

פֿאַר דער לעצטער צײַט איז דער מוזיי באַרײַכערט געוואָרן מיט אַ רײַ מתּנות: אייניקע הונדערט בילדער, צווישן זיי גאָר זעלטענע, ווי דעם ווילנער גאונס בילד געמאָלט אויף גלאָז (אַ ירושה בײַ די רבנים שטאַמלער פֿון זייערן אַן עלטערזיידן ר׳ מאיר ראַסיינער, אַ קרובֿ און אַ תּלמיד פֿון ווילנער גאון), אַלטע אײל-בילדער פֿון רמב״ם, פֿון ר׳ דוד שושן—באָמבייער רבֿ, די פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון די אַמאָליקע ווילנער מפֿורסמדיקע חזנים ר׳ יואל-דוד לעווענשטיין—דער בעל-הבית, פֿיינזינגער, דער לאָמזשער ר״ח וואַסערצוג, אויך פֿון אָדעסער חזן ניסן בלומענטאַל, פֿון טראָקער אַבעלעוו און פֿון מוזיקער עבאָן, פֿון די מפֿורסמדיקע ווילנער רבנים ר׳ אַבעלע פּאָסוואָלער, ר׳ יעקב באַריט, ר׳ שמואל שטראַשון, פֿון די לערער פֿון ווילנער ראַבינערשול ר׳ צבי הירש קאַצענעלענבויגן, ר׳ מרדכי פּלונגיאַן, אידל שערעשעווסקי דעם מחבר פֿון „כּור לזהב“ א. אַנד. אַ פֿאָטאָגראַפֿיש בילד פֿון קאָוונער צוזאַמענפֿאָר אין יאָר 1909, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט באַוואוסטע כּלל-טוער פֿון רוסלאַנד, פֿיל בילדער גאוני און גדולי ישׂראל פֿון פֿאַרשיידענע אויסגאַבן און זאַמלונגען, אויך דאָס אַלטע בילד „חכמי וסופֿרי ישׂראל ברוסיא“ א. אַ.

פֿון פֿאָלקס-קונסט: אַ מזרח און אַ יאָרצײַט געשניצט פֿון פּאַפּיר פֿון אַ ווילנער סופֿר שוב, אויף וועלכן קינסטלער, וואָס האָבן געזען זיין אַרבעט, האָבן געזאָגט: „אַ שאָד, וואָס ער איז אַ סופֿר און ניט קיין קינסטלער!“ אויך פֿיל כּלי-בית, ווי אַ פֿורעם פֿון אַמאָליקע חלות, אַן אַלטער אליהו הנביאס כּוס, אַ זילבערנער שקל-אָנגעשריבן פֿון איין זייט „שקל הקדש“ און פֿון דעם אַנדערן זייט „ירושלים הקדושה“, אַ שטעמפּל מיט דער עמבלעם פֿון אַ סערפּ און אַ זאַנג פֿון דער חבֿרת „אוהבֿי ציון“, געגרינדעט אין ווילנע דורך שמואל-יוסף פֿין און לעוואַנדאַ אין יאָר 1882, אַ קליין ספֿר-תּורהלע, וואָס שטאַמט פֿון ר׳ יאָסעלע וויאַזינער (געלעבט אין גאונס צייטן, געווען אַ גרויסער ביבליאָפֿיל און פֿאַרמאָגט גרויסע אוצרות מיט ספֿרים; זיין הויז איז געווען אַ בית-וועד לחכמים און ס׳איז דאָ אַ לעגענדע, אַז בײַ אים אין שטוב האָט דער לאַדיער רבי ר׳ שניאור זלמן מחבר געווען דעם מפֿורסמדיקן ספֿר „תּניא“ און געלייענט דאָרט אין זיין מנין אין ספֿר-תּורהלע; דעפּאָזיט פֿון אינזש. אידעלסאָן); די שטעמפּלען מיט כּתבֿים פֿון ר׳ יצחק-אלחנן ספּעקטאָר קאָוונער רבֿ; געטריקנטע וויקע-ברויט און מצה פֿון אָקופּאַציע-צייט א. אַז. וו.

צום סוף איז ווערט צו דערמאָנען די לעצטע מתּנות (דעפּאָזיטן) פֿון י״ל פּרצעס פֿרוי העלענע (באַקומען דורך דער השתּדלות פֿון דיכטער אַלטער קאַציזנע און אַרטיסט אברהם מאָרעווסקי):

## די חפצים פֿון י. ל. פּרץ:

1) אַ גאָלדענע פֿעדער מיט אַן אויפֿשריפֿט: פֿון פֿאַרעדער און נאָכפֿאָלגער תּריא—תּרסא; 2) אַ גאָלדענע קראַוואַט-נאָדל—אַ האַרפֿע—פֿון „לאָדזער האַרפֿע“; 3) זילבערנע טאָוולען צו אַ נאָטיצביכל—קוטנא י״ב שבט תּרסט; 4) אַ זילבערנע פּאַפּיראָסנטאַש מיט אַ אויפֿשריפֿט: ווילנע 3-טן מאַרט 1906 (ווען פּרץ האָט באַזוכט ווילנע); 5) אַ זילבערן שרייבגעצייג מיט אַ טינטער אויף אַ פּיעדעסטאַל מיט אַ אויפֿשריפֿט; 9) אַ כראָנאָמעטער; 7) אַ זילבערנער לאָרבערקראַנץ פֿון לעמבערג תּרס״א.

## די חפצים פֿון יעקב דינעזאָן:

1) אַ וועקזייגער מיט אַן אויפֿשריפֿט: „י. דינעזאָנען—פֿון פּרץ, יאָר תּרע“; 2) אַ פֿייל פֿעדער; 3) אַ זילבערנע פּאַפּיראָסנטאַש מיט אַ אויפֿשריפֿט יל״פּ; 4) אַ שרייבגעצייג פֿון האָלץ מיט אַ אויפֿשריפֿט „פֿון פֿאַרערער“; 5) אַ זילבערן שרייבגעצייג פֿון זאַנדבערג, לאָדז.

## די חפצים פֿון ש. אַנ—סקי:

1) אַ זילבערנער הדס, שטאַמט פֿון ר׳ יצחק אלחנן; 2) נאָך אַ זילבערנער הדס אין דער פֿאָרם פֿון אַ פֿיש; 3) אַ קאָלעקציע פּאַפּירענע פֿאַרשיידענע אַסיגנאַציעס פֿון פֿאַרשיידענע מלוכות פֿון פֿאַר דער מלחמה און מלחמה-צייט, מאַנכע מיט ייִדישע אויפֿשריפֿטן, ווי די אוקראַינער קאַרבאָוואַנצעס א. אַז. וו.

אין מוזיי געפֿינען זיך אויך פֿיל פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון שולן חי פֿון דרויער שול א. אַ. אויך אָריגינעלע גראַווירן פֿון הערמאַן שטרוק: הערמאַן קאָהען, ד״ר הרצל, פּראָפֿעסאָר לאַצאַרוס, פּראָפֿ. חיים שטיינטאַל, פּראָפֿ. אברהם בערלינער, פּראָפֿ. גאָלדציער. אויך אַלבאָמען פֿון קינסטלער, ווי די ביבלישע בילדער פֿון אַקאַדעמיקער מיימון א. אַז. וו.

אין מוזיי געפֿינט זיך אויך

## אַנ—סקיס צימער

מיט פֿאַרשיידענע ווערק און צייטונגען פֿון אַנ—סקי און וועגן אַנ—סקי; געזאַמלט דורכן שריפֿטשטעלער זלמן רייזען, ח. לונסקי א. אַנד. דאָרט אין צימער געפֿינען זיך די בענדער, וואָס די געזעלשאַפֿטן האָבן דערלאַנגט צו זיין שלשים-אָוונט מיט אויפֿשריפֿטן, צווישן זיי—פֿון דער היסטאָריש-עטנאָגראַפֿישער געזעלשאַפֿט מיט אַזאַ נוסח: „צום הייליקן אָנדענק דעם דיכטער, זאַמלער און היטער פֿון דער ייִדישער פֿאָלקסשאַפֿונג, ש. אַנ—סקי ז״ל—ווילנע כ״ז כּסלו תּרפ״א; פֿון דער ווילנער קהילה אין העברעאיש און ייִדיש: „להיהודי הנלבב והלוחם בעד הקהלות הדמקרטיות—דעם גרויסן ייִדישן פֿאָלקסמאַן און קעמפֿער פֿאַר דעמאָקראַטישע קהילות ש. אַנ—סקי“; פֿון ווילנער ליטעראַטן- און זשורנאַליסטן-פֿאַראיין „דעם אומפֿאַרגעסלעכן ש. אַנ—סקי, דעם ליבן שריפֿטשטעלער און אומרואיקן אמת-זוכער, דעם האַרציקן חבֿר און דעם ערגפֿאָרזיצער פֿון אונזער פֿאַראיין— ש. אַנ—סקי“; פֿון רעדאַקציע „אונזער טאָג“: „דעם אומפֿאַרגעסלעכן שריפֿטשטעלער און מענטשן, איינעם פֿון די גרינדער און מיטאַרבעטער פֿון „טאָג“ ש. אַנ—סקי“; פֿון ההסתּדרות הציונית: „לזכר ש. אַנ—סקי ששיבתו להיהדות הביאתו לשיבה לארץ ישׂראל“; פֿון די סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערן: „דעם מוטיקן קעמפֿער פֿאַר סאָציאַליזם, אונזער ליבן און אומפֿאַרגעסלעכן פּאַרטיי-חבֿר ש. אַנ—סקי“; פֿון „בונד“: „דעם מחבר פֿון „שבֿועה“ און „צום בונד“ ש. אַנ—סקי“; פֿון די „צעירי ציון“: „היהודי הגדול הלוחם העממי ש. אַנ—סקי“; פֿון די פּועלי-ציון: „דעם קעמפֿער פֿאַר דעם ייִדישן אַרבעטער ש. אַנ—סקי“; פֿון דער פֿאַראייניקטער ייִדישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער-פּאַרטיי: „דעם אַלטן רעוואָלוציאָנערער און שעפֿער פֿון דער מאָדערנער ייִדישער קולטור ש. אַנ—סקי“; פֿון ווילנער קולטור ליגע: „דעם בויער און שאַפֿער פֿון דער ייִדישער קולטור, איינעם פֿון די גרינדער פֿון ווילנער קולטור-ליגע ש. אַנ—סקי“; פֿון דער צענטראַלער שול-אָרגאַניזאַציע און פֿון די רעדאַקציעס „גרינינקע ביימעלאַך“, „חבֿר“ און „נייע שול“: „דעם ליבן און ליכטיקן טרוימער און שאַפֿער, קעמפֿער און רעוואָלוציאָנער ש. אַנ—סקי“; פֿון צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט: „דעם אַלטן קעמפֿער מיט דער יונגער נשמה, דעם זאַמלער פֿון די פֿאָלקסטימלעכע קולטור-אוצרות, דעם גרויסן פֿרײַנד פֿון דער ייִדישער שול און קינד ש. אַנ—סקי“; פֿון פֿאַרבאַנד פֿון די לערער: „דעם וועטעראַן פֿון פֿרייהייטס-קאַמף אין רוסלאַנד, דעם דיכטער פֿון דער ייִדישער פֿאָלקסטימלעכער פּאָעזיע ש. אַנ—סקי“; פֿון סוחרים-פֿאַראיין: „דעם וואַרימסטן ייִדן פֿון אונזער דור ש. אַנ—סקי“; פֿון דער ערשטער ייִדישער רעאַל-גימנאַזיע אין ווילנע: „דעם לויטערן צדיק; די עובֿדא פֿון צדיקים באַשטייט אין דעם, וואָס זיי רייניקן די מענטשלעכע נשמות און הייבן זיי אויף צו זייער ליכטיקן מקור (חנן אין דבוק)“; פֿון יוגנט-קלוב בײַ דער ראַטנער-אָוונט שול: „טייערער זיידע, ש. אַנ—סקי; מיר שווערן צו קעמפֿן פֿאַר פֿרייהייט און רעכט מיט אַלע טיראַנען און זייערע קנעכט;

עס געפֿינען זיך אויך אין מוזיי די בענדער, וואָס מ׳האָט דערלאַנגט צום טרויער-אָוונט פֿון א. ווייטער, צו דער לוויה פֿון סקולפּטאָר אַנטאָקאָלסקי און אַז. וו.

---

דעם מוזיי האָבן אויך באַזוכט פֿאַרשיידענע פּערזענלעכקייטן, ווי פּראָפֿעסאָר הערמאַן קאָהען (אין יאָר 1914), ישׂשכר-בער פֿינעס, פּראָפֿעסאָר סעדלעצקי רעקטאָר פֿון ווילנער אוניווערסיטעט, דער דיכטער קאַציזנע, ד״ר בנציון האָפֿמאַן (צבֿיון) און אַנד.

אין דעם בוך פֿאַר באַזוכער איז איינגעשריבן: „זאָל דער מוזעאום זיין דער ערשטער שטיין צום נייעם ייִדיש-עסטעטישן בנין“ (א. קאַציזנע); „זאָל עס וואַקסן און געדייען“ (ד״ר בנציון האָפֿמאַן—צבֿיון); „בהתלהבֿות ראיתי את כּל הדברים שבבית הזה“ (ד״ר ווערנער סענאַטאָר).

דעם מוזיי באַזוכן זייער אָפֿט עקסקורסיעס, אָנהייבנדיק פֿון די ייִדישע סטודענטן פֿון פּוילישן אוניווערסיטעט און די פֿאַרשיידענע גימנאַזיעס, פֿאָלקס-שולן, אויך פֿיל פּריוואַטע באַזוכער, פֿאַר וועלכע ער איז אָפֿן אַלע שבת און יום-טובֿ פֿון 3 ביז 5.

דער מוזיי איז אַ שאַצקאַמער, וואו עס ווערט געזאַמלט אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו ייִדישער געשיכטע, ייִדישער קונסט, ייִדישער עטנאָגראַפֿיע.

ח. לונסקי.

# „יעקאָפּאָ“.

דער יידישער געגנט-קאָמיטעט אויף צו העלפן די קרבנות פון מלחמה— פאַרקירצטערהייט „יעקאָפּאָ“—אין ווילנע איז ביי היינטיקן טאָג די גרעסטע יידישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע, אויף דעמאָקראַטישע יסודות, אין פוילן.

„יעקאָפּאָ“ האָט שוין אַן אַכט-יאָריקע געשיכטע און אָנהייבנדיק פון אַ ריינער הילפס-אַרבעט פאַר היימלאָזע האָט זיך „יעקאָפּאָ“ ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט אין אַ אויסגעוויילטער פאָרשטייערשאַפט פון די קהילות און קאָמיטעטן אין פּראָווינץ פאַר אַלע ענינים פון הילף און אויפבוי אויף די פאַרשיידנסטע געביטן פון יידישן עקאָנאָמישן, סאָציאַלן און קולטורעלן לעבן.

## געשיכטע.

אין זיין גאָר ערשטער פאָרם האָט זיך „יעקאָפּאָ“ געגרינדעט גלייך ווי ס'האָט אויסגעבראָכן די וועלט-מלחמה, — דעם 18-טן אַווגוסט 1914 אַלס צענטראַלער הילפס-קאָמיטעט אין פּעטערבורג. ניט לאַנג נאָכדעם האָבן זיך אָנגעהויבן גרינדן איינצלנע געגנט-קאָמיטעטן אין די גרעסערע פּונקטן און אָרטיקע קאָמיטעטן אין כּמעט אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך. די אַלע קאָמיטעטן האָבן געהאַט צו טאָן אויסשליסלעך מיט ענין היימלאָזע, וועלכער האָט אָנגענומען וואָס ווייטער אַלץ אַ גרעסערן און געפערלעכערן כאַראַקטער. די מלחמה-געשעענישן און דערהויפּט די גירושים האָבן פאַרברייטערט די טעטיקייט פון די קאָמיטעטן אויף אַן אומגעהייערער מאָס. אזוי, למשל, ווערט, לויט דער סטאַטיסטיק פון צענטראַל-קאָמיטעט און די געגנט-קאָמיטעטן, די אַלגעמיינע צאָל יידישע היימלאָזע צום סוף יאָר 1916 אָפּגעשאַצט אויף 350.000 פּערזאָן, וועלכע זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן אָדער אַנטלאָפן פון 2019 שטעט, שטעטלעך און ישובים פון תּחום-המושב. אין די קאָמיטעטן זיינען געווען פאַררעגיסטרירטע היימלאָזע, וואָס זיינען אָנגעקומען נאָך פאַרשיידענע מינים הילף, 238.000 פּערזאָן. פון זיי פלעגן 160.000 אינגאַנצן אויסגעהאַלטן ווערן פון די קאָמיטעטן, וואָס האָט פאַר די ערשטע 3 יאָר מלחמה אָפּגעקאָסט 31.000.000 רובל. צוויי דריטל פון דער סומע איז געקראָגן געוואָרן אויף אַן אָרט און בלויז איין דריטל—פון אמעריקע, ענגלאַנד, אַפריקע, שאָטלאַנד, פראַנקרייך.

## די נייע צייט.

די מערהייט היימלאָזע איז געווען פון ווילנער געגנט און דער ווילנער הילפס-קאָמיטעט האָט אין די ערשטע יאָרן פון דער מלחמה באַדינט צענדליקער טויזנטער יידישע היימלאָזע. די אַרבעט פון הילפס-קאָמיטעט האָט זיך אָבער געמוזט אויף אַ געוויסער צייט איבעררייסן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען די גרעניצן אין לאַנד גופא זיינען געווען פולשטענדיק געשלאָסן פון איין געגנט אין דער צווייטער און אפילו פון שטאָט צו שטאָט. אין יאָר 1919 האָט זיך די אַרבעט פון „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע ווידער באַנייט און האָט וואָס ווייטער זיך אַלץ מער פאַרגרעסערט און פאַרברייטערט. אין פעברואַר 1919 זיינען אין ווילנע ווידער געווען קאָנצענטרירט עטלעכע טויזנט היימלאָזע. חוץ דער דירעקטער הילף פאַר די היימלאָזע האָט דער קאָמיטעט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַ ברייטע טעטיקייט אויף אַ ריי נייע געביטן. ער האָט אָנגעהויבן צוצוגרייטן מאַטעריאַלן וועגן אויפריכטן די חורבנות פון דער מלחמה, האָט אָרגאַניזירט, שפּעטערצו, אַ ברייטע יורידישע הילף און אין אַ געוויסער צייט אַרום, ווען ס'איז אָנגעקומען אַ באַרואיקונג נאָך די בלוטיקע ווילנער טעג, — אויך אַ גרעסערע קאָנסטרוקטיווע אַרבעט. אַרום „יעקאָפּאָ“ האָבן זיך קאָנצענטרירט אַלע איבעריקע יידישע חברות און געזעלשאַפטן, ווי „אָרט“, „אָזע“, „הילף דורך אַרבעט“, די קאָלאָניעס „וועליטשאַני“ און „זשוראַוויצי“, „קינדער-פאַרזאָרגונג“, דער קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער“, די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, די פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוון, די דעמאָקראַטישע קהלה און אַנד. די אַלע אָנגערופענע חברות, אָרגאַניזאַציעס און אַנשטאַלטן פלעגן יענער צייט באַקומען פון „יעקאָפּאָ“ סובסידיעס און הלוואות. ווען אין ווילנע האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן די דעמאָקראַטיש אויסגעוויילטע יידישע קהלה, איז די ריין שטאָטישע אַרבעט אַריבער צו איר און „יעקאָפּאָ“ האָט קאָנצענטרירט זיין טעטיקייט אין געגנט, איבערלאָזנדיק פאַר זיך אין שטאָט די אַרבעט פאַר די היימלאָזע און פאַרשיידענע מינים פּראָדוקטיווע הילף. אין געגנט האָט „יעקאָפּאָ“ אָנגעהויבן אַ פּלאַנמעסיקע הילפס-אַקציע און האָט אויפגעבויט אַ גאַנצע נעץ פון קיכן, געזעלשאַפטלעכע בעקערייען, גמילות חסדים, קאָאָפּעראַטיוון, ליי- און שפּאָר-קאַסעס, אָרטיקע קאָמיטעטן און קהילות, האָט אויך געגעבן הילף די יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס אין געגנט, האָט געפּרובט פאַרבינדן די יידן פון פּראָווינץ מיט זייערע קרובים אין אַמעריקע, האָט אונטערגענומען דורך „אָזע“ אַ הילפס-אַקציע פאַר דער פּראָווינץ אין מעדיציניש-סאַניטאַרן זין און האָט אויך אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן קולטורעלע ענינים, כּדי אַוועקצושטעלן די פראַגן אויף דער ערשטער קאָנפערענץ, וואָס האָט געזאָלט אינגיכן צונויפגערופן ווערן, מיט דער אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן אויף פעסטע יסודות די ווייטערדיקע טעטיקייט פון „יעקאָפּאָ“, ווי אויך פעסטשטעלן די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרם פון „יעקאָפּאָ“ גופא. די דאָזיקע אַרבעט האָט אויפגעמונטערט די פּראָווינץ, נאָך דעם פולשטענדיקן חורבן און פאַרוואָרלאָזטן מצב, אין וועלכן זי האָט זיך געפונען צוליב די גרויזאַמע געשעענישן און האָט אַריינגעטראָגן אין איר די געזונטע יסודות פון זעלבסטטעטיקייט און אויפריכטונג.

## די ערשטע קאָנפערענץ.

די דאָזיקע ערשטע קאָנפערענץ פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ איז פאָרגעקומען דעם 8—9—10 סעפּטעמבער 1919 אין ווילנע, ביי דער באַטייליקונג פון 96 דעלעגאַטן, וועלכע האָבן רעפּרעזענטירט 74 שטעט און שטעטלעך פון דעם גאַנצן ראַיאָן. די קאָנפערענץ האָט אויסגעקליבן דעם געגנט-קאָמיטעט (פּלענום) און זיין עקזעקוטיווע. די רעוויזיאָנס-קאָמיסיע האָט אָנגענומען דעם סטאַטוט פון דער אָרגאַניזאַציע און דעם וואַל-מאָדוס, אַוועקלייגנדיק דערמיט דעם יסוד פאַר דער גאַנצער ווייטערדיקער אָרגאַניזאַציע פון „יעקאָפּאָ“, לויט אַ פעסטע, קאָנסטיטוציאָנעלער סיסטעם. די קאָנפערענץ האָט אויך אָנגענומען אַ ריי רעזאָלוציעס וועגן דערנערונג, מעדיצינישער הילף, פּראָדוקטיווער הילף און קאָאָפּעראַציע, לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט, קולטורעלער הילף און צרכי-צבור. דער ביודזשעט אויף די דאָזיקע באַדערפענישן איז איינגעטיילט געוואָרן אזוי: דערנערונג—40%, פּראָדוקטיווע הילף און קאָאָפּעראַציע—25%, קולטורעלע ענינים—20%, מעדיציניש-סאַניטאַרע הילף—15% און צרכי-צבור—10%. חוץ דעם האָט די קאָנפערענץ באַשלאָסן צו גרינדן אַ יורידישע קאָמיסיע, צו אָנהייבן אַן אויפבויאונגס-אַרבעט אין די פון דער מלחמה חרוב-געוואָרענע שטעטלעך, ווי אויך אָרגאַניזירן אומעטום דעמאָקראַטישע קהילות און וואו דאָס איז ניט מעגלעך — דעמאָקראַטיש-אויסגעוויילטע קאָמיטעטן. די אַלע אָנגערופענע באַשלוסן זיינען פולשטענדיק דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן אין משך פון די יאָרן 1920—1921. אין פאַרלויף פון אָט דער צייט זיינען פאָרגעקומען עטלעכע באַראַטונגען, וואָס „יעקאָפּאָ“ האָט צונויפגערופן וועגן יעדער איינער פון די וויכטיקסטע פראַגן, וואָס זיינען אויבן אָנגעמערקט,—עס זיינען אויך פאָרגעקומען עטלעכע פּלענומס, וועלכע האָבן נאָך מער פאַרברייטערט דעם סכום ענינים, מיט וועלכע „יעקאָפּאָ“ האָט זיך פאַרנומען. דער געלט-באַריכט פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“ פאַר די 2 יאָר פון מאַי 1919 ביז מאַי 1921 באַווייזט די אַלגעמיינע סומע פון 263.529.326 מאַרק, וואָס איז אומגעהייער גרויס, נעמענדיק אין באַטראַכט די געלט-פאַרהעלטענישן פון יענער צייט. פון דער דאָזיקער אַלגעמיינער סומע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויפן חשבון אַמעריקאַנער אויסצאָלונגען — 204 מיליאָן מאַרק, דערנערונג — 12 מיליאָן, היימלאָזע — 8 מיליאָן, מעדיצין — 7 מיליאָן, פּראָדוקטיווע הילף — 9 מיליאָן, קולטור — 16 מיליאָן א. אַ. וו. מיט דער ערשטער קאָנפערענץ האָט זיך, אַלזאָ, „יעקאָפּאָ“ אין ווילנע אויסגעבילדעט אַלס אַ פולשטענדיק זעלבשטענדיקע און אומאָפּהענגיקע אָרגאַניזאַציע מיט אַ צענטראַל-קאָמיטעט אין ווילנע און אָרטיקע קאָמיטעטן (אָדער קהילות) אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון דער גאַנצער פּראָווינץ.

## די צווייטע קאָנפערענץ.

דעם 5—6—7 דעצעמבער 1921 איז אין ווילנע פאָרגעקומען די צווייטע קאָנפערענץ פון געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ“, וואָס האָט פעסטגעשטעלט די פּרינציפּן און יסודות פון דער „יעקאָפּאָ“-אַרבעט, וועלכע האָט זיך פאַרצווייגט און האָט אָנגענומען נייע פאָרמען. אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט 95 דעלעגאַטן, אַלס געקליבענע פאָרשטייער פון 45 שטעט און שטעטלעך און עטלעכע צענדליק קלענערע פּונקטן און ישובים. די קאָנפערענץ האָט אַקצעפּטירט פאָלגנדיקע אַרבעטס-פּראָגראַם, וואָס „יעקאָפּאָ“ פירט דורך ביי היינטיקן טאָג: 1) פאָרשטייערשאַפט (חוץ פּאָליטישע), וועלכע איז כולל אַ יורידישע קאָנסולטאַציע און אינטערווענץ וועגן פראַגן פון דער יידישער רעכטלעכער לאַגע. 2) אינדיווידועלע יורידישע הילף. 3) קאָאָפּעראַציע. 4) צענטראַלע פאָלקס-באַנק. 5) אויפבויאונג פון די חרוב-געוואָרענע פון דער מלחמה פּונקטן. 6) האַנטווערקעריי. 7) יתומים-פאַרזאָרגונג. 8) ביכער-לאַגער, ביבליאָטעקן. 9) היימלאָזע, רעעוואַקואַציע און איינאָרדענונג אויף די ערטער. 10) עמיגראַציע. 11) מיט „אָרט“, פאַר לאַנדווירטשאַפט און מלאכה און מיט „אָזע“ פאַר מעדיצין, געפינט זיך „יעקאָפּאָ“ אין

לעבעדיקסטן קאָנטאַקט. וואָס איז שייך דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן פלאַן איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַ געגנט־קאָנפערענץ פון אַלע קאָמיטעטן (עווענטועל קהלות) פון געגנט זאָל די עקזעקוטיווע פון „יעקאָפאָ" צונויפרופן איין מאָל אַ יאָר; די געגנט־קאָנפערענץ קלייבט אויס אַ געגנט־קאָמיטעט פון 35 מיטגלידער (22 פון פראָווינץ), פון וועלכע 15 זיצן אין שטאָט ווילנע און בילדן די עקזעקוטיווע; אין משך פון אַ יאָר קומען פאָר צוויי סעסיעס פון פלענום פון געגנט־קאָמיטעט; די עקזעקוטיווע רופט צונויף, ווען נייטיק, איינצלנע באַראַטונגען וועגן ספעציעלע געביטן פון דער אַרבעט, בילדעט די נייטיקע קאָמיסיעס, אָרגאַניזירט און פירט דורך די אַרבעט.

## „יעקאָפאָ" אין יאָר 1922.

צוזאַמענשטעלונג. די עקזעקוטיווע פון געגנט־קאָמיטעט פון „יעקאָפאָ", אויסגעקליבן אויף דער לעצטער קאָנפערענץ, באַשטייט פון פאָלגנדע פערזאָנען: ד"ר צמח שאַבאַד (פאָרזיצער), הרב יצחק רובינשטיין (וויצע־פאָרזיצער), משה שאַליט (גענעראַלסעקרעטאַר), ר' חיים־עוזר גראָדזענסקי, הרב שמואל פריד, מ. יעווזעראָוו, ב. א. קאָוואַרסקי, אליהו רודניצקי, א. לאַנגבאָרט, י. וואַלק, א. קליאָנסקי, י. שוב, פ. אַנטאָוויל, אינזש. א. ג. קלעבאַנאָוו און ל. זאַקהיים. די איבעריקע מיטגלידער פון פלענום, פון דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע און פון דער באַשטייערונגס־קאָמיסיע געפינען זיך אין פראָווינץ.

איינצלנע געביטן פון אַרבעט. א) היימלאָזע. „יעקאָפאָ" באַזאָרגט אַלע דריי מינים היימלאָזע, דהיינו, רעעמיגראַנטן, עמיגראַנטן און היימלאָזע ממש. ביז איצט האָט „יעקאָפאָ" באַזאָרגט איבער 25 טויזנט היימלאָזע. די הילף ווערט געגעבן אין פאַרשיידנסטע אופנים, ווי דערנערונג, קליידער און שיך, וועש, מעדיצינישע הילף, הלוואות אויף איינצואָרדענען זיך, פאַרזאָרגונג פון די קינדער, דירה־געלט, האָלץ וכדומה. אין ווילנע האַלט אויס „יעקאָפאָ" אַ קיך פאַר היימלאָזע אויף 350 פערזאָן טעגלעך. פאַר די קינדער־היימלאָזע האָט „יעקאָפאָ" געהאַט אין ווילנע אַ קינדערהיים. היימלאָזע־ביוראָען פון „יעקאָפאָ" געפינען זיך אויך אין אַ ריי ערטער אין פראָווינץ, ביי די גרעניצן א. א., ווי אין ראַקאָוו, גלובאָקע, ראַדאָשקאָוויטש, נאָוואָ־סווענציאַן, לידע, מאָלאָדעטשנע, גר. ווילייקע. אין אַלע ביוראָען הן אין ווילנע והן אין פראָווינץ ווערט חוץ אַלע אַנדערע מינים הילף געגעבן די היימלאָזע יורידישע הילף. פאַר די רעעמיגראַנטן־קינדער אין סמאָרגאָן האָט „יעקאָפאָ" אויפגעבויט אַ אינטערנאַט אויף צו באַזאָרגן 200 קינדער, קינדער־רעעמיגראַנטן ווערן אויך באַזאָרגט אין ווידז, קרעווע און אַנד. אויף די היימלאָזע־פאַרזאָרגונג גיט „יעקאָפאָ" אויס דורכשניטלעך ביז 10 מיליאָן מאַרק אַ חודש, ניט רעכענענדיק די הלוואות און די אַנשטאַלטן פאַר קינדער־פאַרזאָרגונג. ב) הלוואות פאַר היימלאָזע און רעעמיגראַנטן. די רעעמיגראַנטן, וואָס קומען פון רוסלאַנד און אוקראַינע און זיינען נויטבאַדערפטיק, גיט „יעקאָפאָ" אַרויס הלוואות אויף פראָדוקטיווע צוועקן, דורכשניטלעך צו 100 טויזנט מאַרק יעדע הלוואה. אַזוינע הלוואות האָט „יעקאָפאָ" אַרויסגעגעבן איבער 1000. די דאָזיקע הלוואות האָבן אַוועקגעשטעלט אויף די פיס איבער 6 טויזנט רעעמיגראַנטן, געבנדיק זיי די מעגלעכקייט אַליין צו פאַרדינען אויף חיונה. לויט דער באַשעפטיקונג זיינען די דאָזיקע רעעמיגראַנטן גרעסטנטיילס האַנטווערקער, קליינהענדלער, אַרבעטער א. א. וו. ג) אויפבויאונג פון די חרוב־געוואָרענע פונקטן. די דאָזיקע אַרבעט פאַרנעמט דעם צענטראַלן אָרט אין דער טעטיקייט פון „יעקאָפאָ". אַדאַנק די הלוואות, וואָס ווערן אויף דעם צוועק ספעציעל אַרויסגעגעבן דורך „יעקאָפאָ", זיינען שוין אויפגעבויט געוואָרן איבער 1000 הייזער אין סמאָרגאָן, ווידז, ליובטש, קאַרעליטש, האָראָדישטש, ווישנעווע, פאָסטאָוו, קרעווע, דיסנע, סעליוב, ווילייקע, לעבעדעווע, מאָלאָדעטשנע, היידוציסאָק, דרויע און אַנד. די גרייס פון איין הלוואה דערגרייכט ביז 2 מיליאָן מאַרק. ביי רעמאָנטן, קלענערע הייזער און ביי אַנדערע באַדינגונגען איז די הלוואה אַ קלענערע. די אַרבעט איז איינגעטיילט אין 2 ראַיאָנען: ווילנער און נאָוואָגרודקער. אינגאַנצן אויפגעבויט געוואָרן אויף די הלוואות פון „יעקאָפאָ" זיינען די שטעט סמאָרגאָן, ווידז, ליובטש, א. א. די אויפבויאונגס־אַרבעט האָט עקאָנאָמיש אויפגעלעבט די אַלע פונקטן און האָט אומגעקערט צו אַ מענטשלעכן פראָדוקטיוון לעבן איבער 10 טויזנט יידישע רעעמיגראַנטן. די אויפבויאונגס־אַרבעט ווערט פאָרגעזעצט און די פון דער מלחמה חרוב־געוואָרענע פונקטן ווערן אויפגעריכט און אַנטוויקלען זיך אַלץ מער און מערער אויך אין געזעלשאַפטלעכער הינזיכט. צוזאַמען מיט דער אויפריכטונג פון די איינצלנע הייזער ווערן אויך אָפגעעפנט אין די פונקטן די געזעלשאַפטלעך־נוצלעכע אינסטיטוציעס, ווי אַ פאָלקס־שול, פאָלקס־באַנק, באָד, בית־מדרש א. א. וו. ד) געזעלשאַפטלעכע בנינים. נאָכדעם ווי די אויפבויאונג פון די פריוואַטע הייזער אין די חרוב־געוואָרענע פונקטן האָט דערגרייכט אַ גרעסערן מאַסשטאַב, איז „יעקאָפאָ" צוגעטראָטן צו בויען אין די דאָזיקע פונקטן געזעלשאַפטלעכע בנינים, וואָס זאָלן פאַרבלייבן אַלס אייגנטום פון די באַטרעפנדע קהילות אויף שטענדיק. אַזוי, למשל, זיינען אין דער ערשטער ריי אויפגעבויט געוואָרן אַ צווייגאָרנדיקער מויער אין סמאָרגאָן אַלס אינטערנאַט אויף 100 קינדער מיטן צוועק שפעטער צו פאַרוואַנדלען דעם בנין אין אַ כאַך־שול און — אַ צווייגאָרנדיקן מויער אין ווידז אַלס פאָלקס־הויז און פאָלקס־שול.



אַ ריי בנינים פאַר פאָלקס־שולן איז אָנגעמערקט צו בויען אין קרעווע, ליובטש, קאַרעליטש, האָראָדישטש, סמאָרגאָן א. א., חוץ אַ ריי רעמאָנטן. ה) קאָאָפעראַציע. די אַרבעט אויף דעם געביט האָט „יעקאָפאָ" אָנגעהויבן נאָך אין יאָר 1920 און האָט אין משך פון דער צייט אָרגאַניזירט און געעפנט איבער 50 ליי־ און שפאָר־קאַסעס אין פאַרשיידענע פונקטן פון פראָווינץ. די קאַסעס האָבן די ערשטע צייט באַקומען סובסידיעס פון „יעקאָפאָ" און זיינען אין יולי 1921 פאַראייניקט געוואָרן דורך דער יידישער קאָאָפעראַטיווער פאָלקס־באַנק אין ווילנע וועלכע איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן פון „יעקאָפאָ", אַלס צענטראַלע יידישע קרעדיט־אינסטיטוציע פאַר קאָאָפעראַטיווע צוועקן. די באַנק גיט אַרויס דעם געהעריקן קרעדיט די איינצלנע קאַסעס און די קאָאָפעראַטיווע קאָמיסיע פון „יעקאָפאָ" אינסטרואירט זיי דורך באַפולמעכטיקטע, געהעריקע ליטעראַטור, איינהייטלעכע ביכער וכדומה. די יידישע קאָאָפעראַטיווע פאָלקס־באַנק האָט זיך אויסגעבילדעט אין אַ וויכטיקער יידישער עקאָנאָמישער אינסטיטוציע און צוזאַמען מיט די אַלע איינצלנע פאָלקס־בענק אויף די ערטער האַלט זי אונטער די עקזיסטענץ פון די יידישע בעלי־מלאכות און קליינהענדלער און פון די יידישע קאָאָפעראַטיווע אַנשטאַלטן און אָרגאַניזאַציעס דורך אַ געזונטן ביליגן קרעדיט. „יעקאָפאָ" האָט אויך איבערגעגעבן דער באַנק די אַלע אויסצאָלונגען פון אַמעריקאַנער קרובים־געלטער. ו) מלאכה. „יעקאָפאָ" האָט די ערשטע פראַקטיש צוגעטראָטן צו פאַרשפרייטן מלאכה אויף דער פראָווינץ, עפענענדיק און אויסהאַלטנדיק אַ פראָפעסיאָנעלע שול אין אָשמענע פאַר מענער און פרויען־שניידעריי. „יעקאָפאָ" האָט גלייכצייטיק געמאַכט אַ הכנה אויף צו עפענען נאָך אַ פאָר פאַכשולן און האָט אויך סובסידירט פאַטראָנאַטן און חברות פאַר מלאכה. די דאָזיקע אַרבעט האָט „יעקאָפאָ" שפעטער איבערגעגעבן דער געזעלשאַפט „אָרט", מיט וועלכער זי געפינט זיך אין אַ געהעריקן קאָנטאַקט. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער יתומים־אַקציע ווערט פון „יעקאָפאָ" צוזאַמען מיט „אָרט" אויסגעאַרבעט אַ פלאַן אויף צוציען די עלטערע קינדער צו מלאכה. ז) יתומים־פאַרזאָרגונג. „יעקאָפאָ" האָט געעפנט און האָט אויסגעהאַלטן דעם ערשטן אין געגנט צענטראַלן אינטערנאַט פאַר די פראָווינץ־יתומים מיט אַ מלאכה־וואַרשטאַט ביי אים. דער אינטערנאַט האָט אַרויסגעלאָזן איבער 70 קינדער, פון וועלכע 20 קינדער זיינען געווען צוגעפאַסט צו אַ זעלבשטענדיקן לעבן אַלס האַנטווערקער. „יעקאָפאָ" האָט אויך איבערגענומען, לויט די תנאים פון ד. ד. ק., די אַדאָפטירונג פון די מלחמה־יתומים און די דאָזיקע אַדאָפטירונג נעמט אַרום אַ צאָל פון 600 מלחמה־יתומים און האָט נאָך צו דערגרייכן ביז דער אַלגעמיינער צאָל פון 1000 מלחמה־יתומים. די פאַרזאָרגונג פון די אָנגערופענע יתומים איז אַ פילזייטיקע און זי ווערט פאַרשפרייט הן אויף די יתומים אין אינטערנאַטן והן אין פריוואַטע הייזער. די פאַרזאָרגונג איז כולל דערנערונג, באַקליידונג, מעדיצינישע הילף, שכר־למוד, מלאכה וכדומה. ח) מעדיצינישע הילף. צום אָנהייב האָט „יעקאָפאָ" אַרויסגעגעבן סובסידיעס די אָרטיקע קאָמיטעטן, בקור־חולימס וכדומה אויף מעדיציניש־סאַניטאַרע ענינים; „יעקאָפאָ" האָט אויך געגרינדעט און אויסגעהאַלטן אַ גרויסן מעדיקאַמענטן־לאַגער, האָט טיילווייז אויסגעהאַלטן דעם שפיטאָל פון „משמרת־חולים" און פלעגט אויך סובסידירן די שטעטלעך אויף דאָקטוירים, אַמבולאַטאָריעס, שפיטאָלן א. א. שפעטער צו האָט „יעקאָפאָ" די דאָזיקע גאַנצע אַרבעט איבערגעגעבן „אָזע". דער קאָנטאַקט מיט דער אַרבעט איז געבליבן ביי „יעקאָפאָ" דורכדעם, וואָס זיינע פאָרשטייער זיינען פאַרטראָטן אין דער מעדיציניש־סאַניטאַרער־צענטראַלע אין ווילנע, וואָס פירט אָן מיט דער גאַנצער מעדיציניש־סאַניטאַרער אַרבעט אין שטאָט און פראָווינץ, בויט בעדער און אַזוי ווייטער. די פאָרשטייער פון „יעקאָפאָ" באַטייליקן זיך אויך ספעציעל אין דער פראָווינץ־קאָמיסיע פון „אָזע". ט) עמיגראַציע. לויט אַ הסכם מיט „היאַס" פירט אָן „יעקאָפאָ" מיט דער עמיגראַציע־אַרבעט אין ווילנע און אין דער גאַנצער געגנט. די עמיגראַציע־אָפטיילונג פון „יעקאָפאָ" האָט באַדינט איבער 50 טויזנט פערזאָן, האָט אויסגעצאָלט איבער 200 טויזנט דאָלאַר עמיגראַנטן־געלטער, האָט אַרויסגעגעבן אַפידעוויטן, מיטטיילונגען, בריוו און אַנדערע דאָקומענטן טויזנטער עמיגראַנטן און האָט אויך אויסגעווירקט פאַר איבער 3000 פערזאָן אויסלענדישע פאַספאָרטן און אַנדערע אָפיציעלע דאָקומענטן. דורך דער עמיגראַציע־אָפטיילונג זיינען אויך געשיקט געוואָרן איבער 500 שפייז־פעקלעך פאַר די הונגעריקע אין רוסלאַנד און אוקראַינע. י) יורידישע הילף. די יורידישע אָפטיילונג פון „יעקאָפאָ" האָט געגעבן יורידישע הילף הן פאַרן פרט והן פאַרן כלל. אין איבער 700 פאַלן פון אַ וויכטיקער באַדייטונג האָט די יורידישע אָפטיילונג פון „יעקאָפאָ" געגעבן די אינטערעסאַנטן, וואָס זיינען גרעסטנטיילס היימלאָזע, רעעמיגראַנטן אָדער עמיגראַנטן, די נייטיקע אָנווייזונגען, עצות, האָט דערלאַנגט אין די געהעריקע אינסטאַנציעס די באַטרעפנדע בקשות און פאַפירן, האָט אָפטמאָל אינטערווענירט שריפטלעך און מונדלעך ביי דער העכערער מאַכט און האָט אויך ביי אַ גאַנצער ריי כלל־ענינים אויסגעאַרבעט און דערלאַנגט גרעסערע מעמאָראַנדומס פון אַ פרינציפיעלן כאַראַקטער. די דאָזיקע אַרבעט האָט געבראַכט קענטיקע רעזולטאַטן און איז פיל מאָל געווען אַן אמתע ישועה, אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט, פאַר די פעטענטן. די יורידישע אָפטיילונג האָט אויך געהאַט צו טאָן מיט דער פאַספאָרטן־פראַגע, אַרויסשיקונגען און ענלעכע ענינים, וואו די הילף איז געווען אויסערסט נייטיק. אַ באַזונדערע סעקציע פון

דער יורידישער אָפּטיילונג האָט אויך דורכגעפירט די גאַנצע יורידישע זייט פון דער אויפבויאונגס-אַרבעט, וואָס „יעקאָפּאָ" פירט, האָט באַוואָרנט די אָפּמאַכן, קאָנטראַקטן וכדומה. יא) קולטור-אַרבעט. אין די ערשטע צייטן האָט „יעקאָפּאָ" סובסידירט אַלע פאָלקס-שולן אין די שטעטלעך. אָבער נאָכדעם, ווי דער לערער-צוזאַמענפאָר פון „יעקאָפּאָ" אין אַפּריל 1921 האָט דורכגעפירט די אָפּגרעניצונג אין הינזיכט פון איבערגעבן די שול-ענינים אויף דער פראָווינץ די געהעריקע בילדונגס-צענטראַלעס, לויט די ריכטונגען, האָט „יעקאָפּאָ" אויפגעהערט צו פאַרנעמען זיך מיט די שול-ענינים, איבערלאָזנדיק פאַר זיך נאָר די קולטור-אַרבעט אויף דעם נייטראַלן באָדן פון ביבליאָטעקן, ביכער-לאַגער, פאַר-לאַג-אַרבעט און סובסידיעס געוויסע העכערע אַלגעמיינע בילדונגס-אַנשטאַלטן. אזוי האָט „יעקאָפּאָ" דערפירט ביזן סוף די עקסיסטענץ פון די ערשטע יידישע צוויי-יאָריקע פּעדאַגאָגישע קורסן אין ווילנע, האָט סובסידירט די פרעבעל-קורסן, די טעכנישע קורסן, האָט אויסגעהאַלטן די קאָאָפּעראַציע-קורסן א. אַ. דער ביכער-לאַגער פון „יעקאָפּאָ", וועלכער איז דער גרעסטער און איינציקער אין זיין מין, שפּייזט אונזערע שולן און ביבליאָטעקן מיט אַ צוטריטלעכן יידישן און העברעאישן בוך און איז דורכדעם אַ וויכטיקע, געזעלשאַפטלעך-קולטורעלע אַנשטאַלט. דער ביכער-לאַגער גיט אויך אַרויס סובסידיעס די ביבליאָטעקן פון די צערואינירטע שטעטלעך. אַ ריי אויסגאַבן פון אַ הויכן קולטורעלן ווערט, ווי געאָגראַפישע קאַר-טעס אויף יידיש און העברעאיש א. אַ., האָט דער ביכער-לאַגער פון „יעקאָפּאָ" דער ערשטער איינגעפירט אין דעם יידישן קולטור-לעבן. יב) „אונזער הילף". פון יוני 1921 גיט „יעקאָפּאָ" אַרויס אַן אייגענעם זשורנאַל „אונזער הילף", וועלכער איז דער איינציקער אָרגאַן אין פוילן פאַר הילף און אויפבוי-פראַגן. אין „אונזער הילף" ווערן געדרוקט גענויע באַריכטן וועגן דער אַרבעט אין „יעקאָפּאָ", די געלט-חשבונות, ווי אויך די מאַטעריאַלן וועגן הילפס-ענינים און אויפבוי-ענינים, וואָס האָבן אַ גרעסערן אינטערעס. אין „אונזער הילף" ווערן אויך געבראַכט סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן, טאַבעלן און דאַטן פון דער יידישער עקאָנאָ-מיש-געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

„יעקאָפּאָ" אַרבעט אין קאָנטאַקט מיט די גרויסע יידישע אויסלענדישע הילפס-אָרגאַניזאַציעס, ווי דער ד. ד. ק. (דזשוינט דיסטריבושן קאָמיטע), יק"א, „היאס" און לאָנדאָנער אוקראַינער קאָמיטעט. פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס באַ-קומט „יעקאָפּאָ" די מיטלען אויף דער אַרבעט. דעם גרעסטן טייל פון די דאָזיקע מיטלען קריגט „יעקאָפּאָ" אַלס הלוואות און קרעדיטן, וועלכע זי קערט אום צוריק די באַטרעפנדיקע אָרגאַניזאַציעס מיט פּראָצענטן לויט פעסטע אָפּמאַכן. אויף אַזאַ אופן פירט „יעקאָפּאָ" איר גרויסע און פאַרצווייגטע אַרבעט אויף געזונטע, פּראָ-דוקטיווע יסודות אויך אין דער ריין מאַטעריעל-פינאַנסיעלער זייט. „יעקאָפּאָ" פירט אויך דורך אַן אַקציע פון זאַמלען אייגענע מיטלען און אין דער ערשטער ריי האָט זי פּראָקלאַמירט אַ זאַמלונג אויף אַ היימלאָזע-פאָנד, וועלכע האָט שוין געבראַכט געוויסע רעזולטאַטן.

## ליטעראַטור.

וועגן דער אַרבעט פון „יעקאָפּאָ" זיינען אין יידיש אַרויסגעגעבן געוואָרן פאָלגנדע מאַטעריאַלן: 1) באַריכט פון 15-טן פעברואַר 1919 ביז 1-טן סעפּ-טעמבער 1919, 2) קאַסע-באַריכט פון 1-טן סעפּטעמבער 1919 ביזן 31-טן דע-צעמבער 1919, 3) קאַסע-באַריכט פון 1-טן יאַנואַר 1920 ביזן 30-טן יוני 1920 4) קאַסע-באַריכט פון 1-טן יולי ביז 31-טן דעצעמבער 1920. 5) 1-טע קאָנפע-רענץ, גענויער באַריכט, 6) „אונזער הילף" — 12 ביכלעך פאַרן יאָר 1921-10 ביכלעך ביז דעם 31-טן אויגוסט 1922.

# די יידיש-וועלטלעכע שולן אויף דער פראָווינץ.

די ערשטע קערנדלעך פון דער יידישער שול אויף דער פראָווינץ זיינען פאַרזייט געוואָרן אין דער צווייטער העלפט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. דער איינציקער טיפּ פון פאָלקסשול, וואָס האָט עקסיסטירט דאַמאָלסט, איז געווען די דייטשע צוואַנגס-שול.—אָבער אין די יאָרן 1916 און 1917 האָט אין איר שוין אָנגעהויבן אַריינצודרינגען דער יידישער לערער, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט אַ שטראָם פון נייעם לעבן אין דער טויטנדיקער אַטמאָספערע פון דער פרעמדער שול. וואָרים די יידישע קינדער איז די דייטשע שול געווען אינגאַנצן פרעמד און פאַרהאַסט. ס'איז נישט געווען קיין ערגערע שטראָף פאַרן קינד, ווי באַזוכן אַזאַ שול. די דייטשע לערער מיט זייער מיליטערישער דיסציפּלין האָבן אַרויסגערופן שנאה ביי די קינדער. די איינציקע צוציאונגס-קראַפט פאַר זיי איז געווען דער נייער יידישער לערער (אין די עטלעכע שולן, אין וועלכע אַזאַ לערער איז געווען) מיט זיין ליבע צום קינד, מיט זיין פאַרשטענדלעכער שפּראַך און זיין גאַנצן צוגאַנג.

יידיש אַלס אַ לימוד איז געווען פאַרבאָטן אין דער דייטשער שול און דער לערער האָט עס געמוזט „דורכשמוגלען" אויף אַ אומלעגאַלן אופן. אַ צוטריט צו דער שול האָט דער יידישער לערער באַקומען צוליב דעם לימוד פון „רעליגיאָן" אין דער שול. די ערשטע לערער זיינען דעריבער געווען די לערער פון רעליגיע, וועלכע האָבן אויסגענוצט די יידישע שפּראַך אַלס הילפסמיטל אין זייער אונטערריכט. אַזוי-אַרום איז די יידישע שפּראַך אַריינגעפירט געוואָרן אין דער דייטשער פאָלקסשול.

שפּעטער האָבן אַ ריי לערער וועלטלעכע, וואָס זיינען אַריינגעדרונגען אין דער שול, אָנגעהויבן צו לערנען אויך אַלגעמיינע לימודים אין יידיש. אָפט פלעגן די קינדער דאַרפן אַרויפלייגן אויף די פאַרטעס חומשים אָדער אַנדערע ערלויבטע ספרים און מען פלעגט מיט התמדה לערנען יידיש, נאַטורוויסנשאַפט אָדער גע-אָגראַפיע.

אָט אַזוי איז אין די שולן פון דער ווילנער פראָווינץ די אונטערריכטס-שפּראַך ביסלעכווייז געוואָרן יידיש.

מ'מוז מודה זיין, אַז ניט אַלעמאָל האָבן די קליינשטעטלדיקע עלטערן פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון אַ שול אין דער יידישער שפּראַך און דעם לערער איז אויסגעקומען צו פירן אַ קאַמף אויף 2 פראָנטן — אין דער שול און אויסער דער שול.

אין דער צייט האָבן עקסיסטירט שולן אין אָלקעניק, איוויע, בעניאַקאָן, איגנאַלינע, דוקשט, סווענציאַן, ניי-סווענציאַן, יאַשון, פּאָדבראָדז, דיסנע, דרויע, ליפּנישאָק, קיעמילישקי, דעווינישאָק א. אַנד.

מיטן אַוועקגיין פון די דייטשן קומט אויס די שולן איבערצולעבן זייער אַ שווערע צייט. די מאַכט איז אַריבערגעגאַנגען פון איין האַנט אין דער צווייטער, די שולן זיינען איבערגעלאָזן געוואָרן אָן שום מיטלען, די מלחמה האָט זיך איבערגעטראָגן אויף דער טעריטאָריע פון ווילנער קאַנט, און ס'איז נישט געווען מעגלעך צו טראַכטן וועגן לערנען. אין דעם גרעסטן טייל פונקטן זיינען די שולן זיך צעפאַלן, דער הונגער האָט פאַרטריבן דעם לערער פון דער שול, און הונ-דערטער קינדער זיינען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אויפן גאַס. נאָר אין געציילטע פונקטן האָבן די שולן נישט אויפגעהערט צו פונקציאָנירן אַדאַנק דער מסירת-נפש פון די לערער, וועלכע האָבן דערביי געליטן הונגער. דאָס זיינען די שולן אין בעניאַקאָן, ניי-סווענציאַן, סווענציאַן, דיסנע און דרויע.

ווען דאָס פוילישע מיליטער האָט פאַרנומען ענדלעך דעם גאַנצן קאַנט און זיך דאָ פאַרפעסטיקט, און ס'האָבן זיך געשאַפן די מינימאַלסטע באַדינגונגען פאַר אַ מער-ווייניקער נאָרמאַלן לעבן, האָבן זיך די שטעטלעך אָנגעהויבן אויפ-צובויען פון זייערע חורבות. גלייכצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן צוריק אויפבויען די יידישע שול. אַ גאַנץ גרויסע ראָלע אין דער אויפבויאונג פון דער יידישער שול אויף דער פראָווינץ האָט געשפּילט דער געגנט-קאָמיטעט „יעקאָפּאָ". דער געגנט-קאָמיטעט האָט געגעבן מאַטעריעלע שטיצע די שולן, אין דער אינערלעכער אַרבעט און אין די פּראָגראַם-פראַגן האָט ער זיך געהאַלטן אינגאַנצן נייטראַל. די איניציאַטיווע פון דער איניציאַטיווע פון דער אינווייניקסטער בויאונג און ריכטונג פון דער שול האָט „יעקאָפּאָ" איבערגעגעבן דעם שטעטל גופא, די אָרטיקע קהילות א. אַ. אפילו לע-רער זייגען רעקאָמענדירט געוואָרן ניט דורך „יעקאָפּאָ", נאָר דורך די געהעריקע בילדונגס-צענטראַלעס.

מיט דער הילף פון „יעקאָפּאָ" האָבן זיך אויפגעבויט 148 יידישע „שולן", וואו ס'האָבן געלערנט ביי 10,000 קינדער. נאָך דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע האָט זיך די לאַגע געענדערט, אין אַ סך שטעטלעך האָבן די לערער געמוזט פאַר-לאָזן די שולן און די אַרבעט איז חרוב געוואָרן.

די שול אויף דער פראָווינץ האָט געליטן פון פולשטענדיקער סיסטעמ-לאָזיקייט. די לערער האָבן זיך מערסטנטייל געמוזט רעכענען מיט דער מיינונג פון די עלטערן און צופּאַסן די פּראָגראַם אין די שולן. כמעט אַלע שולן זיינען געווען געמישטע און מען האָט זיי אייגנטלעך צו קיין באַשטימטער קאַטעגאָריע נישט געקענט צורעכענען. אין אַלע שולן איז די אונטערריכטס-שפּראַך געווען יידיש, נאָר אין די אַזויגערופענע העברעאישע שולן האָט מען יידיש געלערנט בעל-כרחה, אין דער צייט ווען אין די יידישע האָט מען געפלאַנצט ליבע צו דער שפּראַך.

אין אַפּריל חודש 1921, איז דורך „יעקאָפּאָ" צונויפגערופן געוואָרן אַ לערער-צוזאַמענפאָר פון אַלע שולן, וועלכע זיינען סובסידירט געוואָרן דורך „יעקאָפּאָ". דער צוזאַמענפאָר האָט געטראָגן אַ ליקווידאַציאָנס-כאַראַקטער צוליב דעם, וואָס דער „דזשאָינט" האָט זיך בנוגע דער הילף פאַר קולטור צעטיילט אויף זיינע באַשטאַנדטיילן און די הילפסגעלטער זיינען איבערגעגאַנגען דירעקט צום אַרבעטער-

הילפס-קאָ:יטעט (פאַר די וועלטלעכע אַנשטאַלטן) און צום אָרטאָדאָקסישן קאָמיטעט. אויף דעם צוזאַמענפאָר האָבן זיך אויסגעקריסטאַליזירט, צוויי קעגנערישע לאַגערן, פון וועלכע, איינער איז געשטאַנען אויפן באָדן פון אַ יידיש-וועלטלעכער שול, דער צווייטער האָט געפאָדערט אַ העברעאיסטישע שול. אין צוזאַמענפאָר האָבן גענומען אָנטייל פאָלגנדיקע שולן: ניי-סווענציאַן, פאָדבראָדז, ראַדון, ניי-ווילייסק, רודאָמין, אָשמענע, אָלשאַן, לאַנדוואַראָווע, גלובאָקע, קעני, ברעסלאַוו, סוויר, מיישעגאָלע, יאַשון, מיכאַלישעק, סווענציאַן, ליפנישאָק, איגנאַלינע, וואָראַנאָווע, קאָלטוניאַן, קורעניעץ, איוויע, וואָלאָזשין; 32 לערער מיט באַשטימונגסרעכט און 12 מיט באַראַטונגסרעכט. צו דער גרופּע אָנהענגער פון דער יידיש-וועלטלעכער שול האָבן זיך פאַראייניקט 12 פּראָווינציעלע לערער, די איבעריקע 18 זיינען געווען אַ טייל וואַקלדיקע, די איבעריקע אָנהענגער פון אַ העברעאיסטישער שול. צו קיין הסכם אין פּראָגראַמאַטישע פראַגן פון דער שול-בויאונג האָט מען ניט געקענט קומען, און די קאָנפערענץ איז געשלאָסן געוואָרן.

נאָכן צערייסן פון צוזאַמענפאָר האָבן די לערער, וועלכע זיינען געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון אַ יידיש-וועלטלעכער שול, זיך אויסגעטיילט אין אַ באַזונדערער קאָנפערענץ, אין וועלכער עס זיינען געווען פאַרטראָטן די שולן פון ניי-ווילייסק, ניי-סווענציאַן, סווענציאַן, פאָדבראָדז, איוויע, ליפנישאָק, בעניאַקאָן, יאַשון, סוויר, קאָלטוניאַן, איגנאַלינע, לאַנדוואַראָווע. די קאָנפערענץ האָט געבילדעט אַ זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע פאַר אַלע ענינים פון די יידיש-וועלטלעכער שולן אויף דער פראָווינץ אונטערן נאָמען „שול-אָרגאַניזאַציע פאַר ווילנער פראָווינץ".

אין דעם אָנפירנדיקן אָרגאַן פון דער אָרגאַניזאַציע האָט די קאָנפערענץ אויסגעקליבן ב. לופאַצקי, אַ. קליאַנסקי, אַ. גאָלדמאַן, י. זאַוועלס, (ווילנע), י. הורדוס (ניי-סווענציאַן), ד. פישער (סווענציאַן), מ. ראַבינאָוויטש (ניי-ווילייסק).

גלייך נאָך דער גרינדונג האָבן זיך אָן דער שול-אָרגאַניזאַציע אָנגעשלאָסן די שולן פון: ברעסלאַה, גלובאָקע, דוקשט, דיסנע, דרויע, נאַווארעדאָק, ניע:ענטשין, סמאָרגאָן, טורגעל.

פון דאַן האָט זיך ענדלעך אָנגעהויבן אויסצוקריסטאַליזירן די שול-אַרבעט אויף דער פראָווינץ, די ריכט-ליניע האָט זיך גענומען אויסגלייכן או ס'איז דורכגעפירט געוואָרן אַ דיפערענצירונג צווישן די יידישע און העברעאיסטישע שולן (דאָ דאַרף באַמערקט ווערן, אַז אויך אין די העברעאיסטישע שול-אויף דער פראָווינץ לערנט מען נאָך דאָס רוב די אַלגעמיינע לימודים אין יידיש)

די שול-אָרגאַניזאַציע האָט אין מאַי חודש 1921 געגרינדעט נייע שול. אין די שטעטלעך: דאַנילאָוויטש, היידוצישעק, ווידז, ליובטש, מיכאַלישעק-שטשוטשין, ניי-פאָהאָסט, בסך-הכל 28 שולן. אין משך פון דער צייט האָבן אייניקע שולן, צוליב סיבות, וואָס קענען אין „פנקס" ניט באַרירט ווערן, זיך פאַרמאַכט, און אין איצטיקן מאָמענט האָט די שול-אָרגאַניזאַציע פאַר ווילנער פראָווינץ אַ נעץ פון 21 יידישע פאָלקס-שולן, 1 יידישע גימנאַזיע אין סווענציאַן, 2 אָווענט-שולן ביי די פראָפעסיאָנעלע שולן. דער שטאַט לערער איז 83, די צאָל קלאַסן 96, די צאָל קינדער 2500. די שולן באַשטייען שוין מערסטנטייל פון 5—4 קלאַסן. אין אַ טייל שולן זיינען שוין געעפנט געוואָרן 6-טע קלאַסן.

די ש. אַ. פאַר דער פראָווינץ האָט אַט וועלכע אויפגאַבן: פּעדאַגאָגישע אָנפירונג פון די שולן, פינאַנציעלע באַזאָרגונג, פאַרשטייערשאַפט כלפּי חוץ.

די ערשטע און וויכטיקסטע אויפגאַבע אויפן פּעדאַגאָגישן געביט איז געווען צו פאַרפולקומען און פאַראיינהייטלעכן די פּראָגראַם אין די שולן. צו דעם צוועק איז 1) געגרינדעט געוואָרן אַ שול-אַמט, 2) צונויפגערופן געוואָרן אַ ריי קאָנפערענצן, 3) אָרגאַניזירט געוואָרן דערגאַנצונגס-קורסן, 4) דורכגעפירט געוואָרן אינסטרואירונג פון די שולן אויף די ערטער.

דער שול-אַמט האָט קודם-כל פעסטגעשטעלט אַ 6-יאָריקן געדויער פון דער פאָלקסשול אויף דער פראָווינץ און האָט אויסגעאַרבעט אַן אַנטשפּרעכנדיקע פּראָגראַם-סכעמע; אומעטום, וואו די צוגרייטונג פון לערער-פּערסאָנאַל האָט עס דערלויבט, האָט מען געפירט די לימודים פון גימנאַסטיק, געזאַנג, האַנטאַרבעט, צייכענען, באַוועגלעכע שפּילן, אויף וועלכע מ'האָט אין די פראָווינץ-שולן פריער קיין אַכט ניט געלייגט.

אין אייניקע שולן זיינען איינגעלאַדן געוואָרן אַפילו ספּעציעלע לערער אויף די אָנגעוויזענע געגנשטאַנדן (סווענציאַן, איוויע, לאַנדוואַראָווע א. אַ. וו.)

אויסערדעם האָט דער שול-אַמט אַרויסגעפאָדערט פון די שולן פּעריאָדישע באַריכטן וועגן גאַנג פון די לימודים, האָט פונאַנדערגעשיקט אַ ריי אַנקעטעס, געגעבן פאַרשיידענע אינסטרוקציעס און איינגעשטעלט אַ פאַרבינדונג מיט די שולן. בכדי צו קאָנטראָלירן די אַרבעט אויף די ערטער און אינסטרואירן די שולן זיינען איינגעלאַדן געוואָרן שול-טוער, וועלכע האָבן אָפּט צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון דער שול-אָרגאַניזאַציע פאַר פראָווינץ באַזוכט אייניקע פּונקטן פון דער ווילנער פראָווינץ. די באַזוכן פון די שולן האָבן אָבער נישט געטראָגן קיין רעגלמעסיקן כאַראַקטער און אויף דעם געביט איז, צום באַדויערן אויכגעטאָן געוואָרן ווייניק, ווייל צוליב דוחק אין מיטלען, האָט מען נישט געקענט איינלאַדן אַ שטענדיקן אינסטרוקטאָר. גלייכצייטיק מיט די באַזוכן איז געפירט געוואָרן אַן אויפקלערונגס-אַרבעט צווישן די עלטערן. ס'זיינען צונויפגערופן געוואָרן אין פאַרשיידענע שטעטלעך עלטערן-פאַרזאַמלונגען וועגן דער באַדייטונג און וויכטיקייט פון דער יידישער שול.

פאַר דער קורצער צייט פון דער עקסיסטענץ פון דער שול-אָרגאַניזאַציע פאַר ווילנער פראָווינץ זיינען דורכגעפירט געוואָרן 4 גרויסע לערער-באַראַטונגען, אין וועלכע ס'האָבן גענומען אָנטייל פאָרשטייער פון דער גרעסטער צאָל שטעטלעך. אויף די באַראַטונגען זיינען געלייזט געוואָרן אַ ריי וויכטיקסטע פּעדאַגאָגישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן, צוליב וואָס די שול-אַרבעט אויף דער פראָווינץ איז געוואָרן אַלץ מער קאָאָרדינירט.

אין אַפּריל 1922 יאָר איז צונויפגערופן געוואָרן קיין ניי-סווענציאַן די 1-טע ראַיאָן-קאָנפערענץ אויף דער ווילנער פראָווינץ; עס האָבן זיך באַטייליקט פאָרשטייער פון 12 שולן.

אויסערדעם זיינען אויסגענוצט געוואָרן די געגנשטאַנד-קאָנפערענצן, וועלכע זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אין משך פון דעם ווינטער 1922 יאָר; אויף די דאָזיקע קאָנפערענצן זיינען בייגעווען לערער פון פראָווינציעלע שולן.

בכדי אויסצובילדן אַ צוגעפּאַסטן לערער-פּערסאָנאַל און פאַרפולקומען די פּעדאַגאָגישע צוגרייטונג פון די לערער האָט די ש—אַ פאַר פראָווינץ מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג כאַר זיך געעפנט אין דער צייט פון די וואַקאַציעס 1922 יאָר דערגאַנצונגס-קורסן פאַר די לערער פון די יידיש-וועלטלעכע שולן, וועלכע האָבן געדויערט 6 וואָכן און זיינען באַזוכט געוואָרן פון 36 לערער. דאָ זיינען געווען פאַרגעשטעלט פאָלגנדע שולן: איוויע, ברעסלאַוו, גלובאָקע, דוקשט, דרויע, דאַנילאָוויטש, היידוצישאָק, ווידז, ווילייסק, מיכאַלישעק, ניי-סווענציאַן, ניי-פאָהאָסט, סווענציאַן. אויף די קורסן, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען מיט ערפאָלג, זיינען דורכגענומען געוואָרן מעטאָדיק פון יידיש, מעטאָדיק פון העברעאיש, נאַטורוויסנשאַפט, באַוועגלעכע שפּילן, געזאַנג, צייכענען, שול-קענטניש. אויסערדעם זיינען געלייענט געוואָרן עפּיזאָדישע לעקציעס אויף ליטעראַטור און ס'זיינען דורכגעפירט געוואָרן אַ ריי עקסקורסיעס געאָגראַפישע, ווי אויך היסטאָרישע. נישט קוקנדיק אויף אַלע אָנגענומענע מיטלען פילט זיך שטענדיק אַ דוחק אין פּאַסנדע לערער; צוליב דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע פון דעם פראָווינציעלן לערער, אויסערגעוויינלעכע באַדינגונגען פון דער אַרבעט אין שטעטל און נישט פּינקטלעכער אויסצאָלונג פון דער ש—אַ, ווילן די לערער נישט פאָרן אויף דער פראָווינץ. מיט גרויסע שוועריקייטן קומט אָן צו קריגן אַ צוגעפּאַסטן לערער פאַר אַ פראָווינציעלער שול. די ש—אַ האָט זיך נישט איינמאָל געווענדט צו דער אַקאַדעמישער יוגנט, צו די געוועזענע צוהערער פון די פּעדאַגאָגישע קורסן מיטן רוף, זיי זאָלן דערפילן זייער חוב לגבי דער קולטור-אַרבעט אויף דער פראָווינץ, נאָר מערסטנטייל האָבן די ווענדונגען נישט געפונען דעם געהעריקן אָפּקלאַנג.

דער שול-אָרגאַניזאַציע אַלס יורידישער פאַרזאָן פאַרן יידיש-וועלטלעכן שול-וועזן אויף דער ווילנער פראָווינץ איז אויסגעקומען צו קעמפן פאַר זיינע רעכט כלפּי חוץ. די רדיפות פון דער מאַכט אויף די יידישע שולן האָבן זיך אָנגעהויבן צוערשט אין די פּונקטן פון דער פראָווינץ, וואָס זיינען פריער פאַראייניקט געוואָרן מיט פוילן (ווי די קרעסן אין לידער קרייז), נאָכדעם האָבן זיי זיך איבערגעטראָגן אויכן געביט פון דער געוועזענער מיטל-ליטע און ענדלעך אין ווילנע גופא.

אין פאַרשיידענע פּונקטן האָבן די אינספּעקטאָרן אָנגעהויבן אָנצוגרייפן אויף די יידישע שולן, פאָדערן קאָנצעסיעס, פּוילישע בירגערשאַפט פון די לערער, צוגעפּאַסטע בנינים (בשעת ווען טייל בנינים האָט מען רעקווירירט און ס'איז בכלל אויף דער חרובער פראָווינץ דער דאָזיקער מין זייער זעלטן). נישט האָבנדיק קעגן זיך קיין אָרגאַניזירטע געזעלשאַפט, וועלכע זאָל קענען געבן דעם ניי-טיקן ווידערשטאַנד, האָבן די אינספּעקטאָרן געזוכט דורכצופירן. אין דער פולער ברייט זייער פּאָלאָניזאַטאָרישע פּאָליטיק. דערצו אָבער איז די ערשטע צייט די פּאָליטיק פון דער מאַכט גופא געווען נישט איינהייטלעך, און וואָס מען האָט געמעגט אין איין דיסטריקט, האָט מען ניט געטאָרט אין אַ צווייטן. ס'האָבן זיך געשאַפן אָפּט קוריאָזן; פון די אינספּעקטאָרן האָבן מאַנכע נישט אָנערקענט אין שול קיין רעליגיעזע למודים—(וועלטלעכע אינספּעקטאָרן), אַנדערע ווידער האָבן אָנערקענט די יידישע אונטעררי‍כטס-שפּראַך (אינספּעקטאָרן-יידישיסטן), אַ גרעסערער טייל איז געווען פאַר העברעאיש (אינספּעקטאָרן-העברעאיסטן).

דער ערשטער תנאי פאַר אַ קאָנצעסיע—אַ גאַנצע ריי שינוים אין דער פּראָגראַם: 8 שעה פּויליש אין I-טן קלאַס, 8 שעה פּויליש אין II-טן קלאַס, 12 שעה אין III-טן קלאַס, 14 שעה אין IV-טן קלאַס. דערפון 3 שעה אין וואָך פּוילישע געשיכטע, 3 שעה פּוילישע געאָגראַפיע, און 2 שעה חשבון אין פּויליש! דאָס איז געווען דער ערשטער טריט צו דער פּאָלאָניזירונג פון דער שול (די פאָדערונגען זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן די שולן אין איוויע, ליפּנישאָק, גלובאָקע, ניי-פאָהאָסט, דיסנע, ברעסלאַוו, דרויע און אַנדערע שולן פון די קרעסן).

אַזוי-אַרום האָט זיך געעפנט אַ ברייט פעלד פאַר שיקאַנעס, ביז שליסן די שולן. צום באַדויערן האָט די שול-אָרגאַניזאַציע צוליב יורידישע סיבות (ז' איז אָפיציעל געווען די פאָרשטייערין נאָר פון די מיטל-ליטווישע שולן) נישט געקענט אַנטוויקלען דעם מאַקסימום פון איר טעטיקייט דאָך האָט זיך ענדלעך איינגעגעבן אָפּצוצעפּענען כמעט אַלע שולן פון דאָסניי, פאַרהיטנדיק זייער פּראָגראַם.

דער מאַנגל אין פּלאַץ דערלויבט ניט אָפּצושטעלן זיך גענוי אויף דער פּאָלאָניזאַטאָרישער פּאָליטיק פון דער שול-מאַכט אויף דער פראָווינץ, אויף די רעקוויזיציעס פון די שול-בנינים, אויף דער פינאַנציעלער, איצט באַזונדערס קריטישער לאַגע פון דער יידישער שול אויף דער פראָווינץ, אויף דער באַציאונג פון די עלטערן, וואָס גיבן זיך אָפּט ניט אָפּ קיין חשבון בנוגע דער יידישער שול, און אויף די וויכטיקע אויפגאַבן, וואָס שטייען נאָך פאַר דער בויערין פון דער יידישער שול אין דעם שטעטל—דער יידישער שול-אָרגאַניזאַציע פאַר ווילנער פראָווינץ.

א. גאָלדמאַן.

יעקב זיזמאַר

# אַמאָליקע חתונות.

אמאָליקע חתונות האָבן פאַרנומען אַ גרויסן אָרט אין דעם יידישן לעבן. עס איז רעכט געווען, אַ חתונה זאָל געדויערן זיבן טעג—„שבעת ימי המשתה“; אַזוינס האָט, אמת, פּאַסירט זעלטן, אָבער ווייניקער ווי אַ צוויי דריי טעג האָט אַ חתונה געוויס ניט געדויערט.

דעם פרייטאָג פאַר דער וואָך פון דער חתונה פלעגן די מחותּנים, ד. ה. חתן-כּלהס עלטערן, שיקן די כּלי-זמר מיט דעם בדחן צו די אַלע גאַנץ נאָענטע פריינד, ווי ברידער, שוועסטער, פעטערס, מומעס, ווער רעדט צו די אונטערפירער, שפּילן אַ „קבלת שבת“. דער בדחן פלעגט אויסרופן פאַר וועמען, און די כּלי-זמר פלעגן שפּילן אַ מאַרש (באַקומענדיק דערפאַר אַ טראַקטאַמענט און באַצאָלט יעדערער לפי כּבודו). דאָס איז געווען די אָריגינעלע איינלאַדונג צו דער חתונה, און ווען דער פעטער אָדער דער ברודער האָט ניט באַקומען געשיקט צו אים די כּלי-זמר אַ „קבלת שבת“ שפּילן, איז דאָס געווען אַ גרויסע באַליידיקונג, און די באַליידיקטע פלעגן ווערן ברוגז, ניט קומען אויף התונה.

שבת אינדערפרי צום דאַוונען איז געווען דער אויפרוף, עס האָט געהערט צו דעם חתנס עלטערן צו פאַרבעטן די נאָענטע מחותּנים פון ביידע צדדים אין שול אַריין, וואו דעם חתנס עלטערן דאַוונען. דאָס דאַוונען ײַז געווען מיט פּאַראַד. דער חזן מיט דעם כאָר האָבן קאָנצערטירט, די עליות זיינען צעטיילט געוואָרן בלויז פאַר די מחותּנים. יעדערער האָט געמאַכט „מי שברך“ די חתן-כּלה און געגעבן אַ נדבה פאַר דער שול. צו מפטיר איז אַרויף דער חזן מיט די משוררים אויף דער בימה, געזונגען מזמורים, וואו עס געפינען זיך אויסדריקן, וועלכע זיינען שייך צו אַ חתן, ווי „כּחתן יכהן פּאר“, אָדער „כּחתן יוצא מחופּתו“, און מיט געזאַנג אויפגערופן דעם חתן מפטיר; און ווי נאָר דער חתן איז אַרויף אויף דער בימה, פלעגט זיך געבן אַ שאָט דורך די פענסטערלעך פון „עזרת-נשים“ אַ האָגל פון ראָזינקעס, מאַנדלען, ניס אויף דעם חתנס קאָפּ, און קינדער מיט אַ געפילדער, מיט אַ שמחה פלעגן דאָס צוזאַמענקלייבן. נאָך דעם דאַוונען פלעגט מען דעם עולם פאַרבעטן צום מחותּן אויף קידוש.

די נאַכט פאַר דער חתונה (ווען די כּלה איז געווען אַ כּשרע) פאַרנאַכט פלעגט מען פירן די כּלה אין מקווה מיט כּלי-זמר.*) אויף דעם אָוונט זיינען געווען געלאַדן דער כּלהס חברטעס, אויך פון חתנס צד די פריילינס, אָפּשייד צו נעמען פון זייער חברטע, וועלכע טרעט אַרויס פון זייער שטאַנד און טרעט אַריין אין דעם שטאַנד פרויען, מיט ניס, יאַדרעס קנאַקן, טיי, ביר טרינקען, אויך אונטער כּלי-זמר אַ טענצל צו גיין. אין דייטשלאַנד איז דאָס נאָך ביז היינט די מאָדע, מען רופט דאָס „מאַדענמאַל“.

אַ טאָג אָדער צוויי פאַר דער חתונה ביי פאַרמעגלעכע מחותּנים האָט מען געמאַכט אַ „סעודת עניים“ אַ אָרים-מאָלצייט, און ביי דעם טיש פון די אָרימעלייט זיינען אויבנאָן געזעסן חתן-כּלה; אויך מוזיק פלעגט דערביי זיין און דער בדחן פלעגט זאָגן פאַר זיי, וואָס עס פּאַסט פאַר אַזאַ מאָלצייט... נאָך דעם בענטשן פלעגן חתן-כּלה גיין אַרום די טישן און טיילן נדבות.

דעם טאָג פון דער חתונה האָבן די כּלי-זמר געמוזט קומען פאַר פרי שפּילן אַ גוט-מאָרגן צו די עלטערן פון חתן-כּלה. פאַרנאַכט האָט זיך איצטער אָנגעהויבן די רעכטע חתונה. די כּלה מיט די ווייבער אין אַ באַזונדער צימער, דער חתן מיט די מאַנסבילן אין אַ צווייטן צימער, און אַמאָל אפילו—אין באַזונדערע הייזער. די כּלה פלעגט מען אַרויפזעצן אויף אַ איבערגעקערטער דייזשקע, אין וועלכער מען פאַרראַשטשינעט ברויט, מיט אַ קישן און אַ ליילעך פון אויבן (דער טעם דערפון איז מיר ניט באַוואוסט, דאָס איז געווען עפּעס אַ מין סגולה...)**), די מוטערס און די באָבעס זיינען געשטאַנען מיט הבדלות אַרום איר, פונאַנדערגעפלאָכטן די צעפּ, אַנדערע אינגאַנצן אָפּגעשאָרן, די כּלי-זמר האָבן געשפּילט אַ באַזעצנס—אַן אומעטיקן ניגון, דער בדחן פלעגט זאָגן מוסר, געוויינען און יללות איז געווען ניט ווייניקער ווי יום-כּיפּור צו ונתנה-תוקף... נאָכהער פלעגט דער בדחן רופן דעם חתן מיט די מחותּנים צום באַדעקנס. דער חתן פלעגט באַדעקן די כּלה מיט אַ טוך, עקסטרע דערצו אָנגעגרייט, פון אַ געדיכטן, ניט קיין דורכזיכטיקן ווייגס, אָדער אַטלעס-שטאָף. ביי די גאַנץ רייכע, אָדער רבנים, ווער רעדט רביים (אדמו״רים) כּלות איז פון אויבן אויף דעם דעקטוך געווען אַ זילבערנע אָדער אַ גאָלדענע עטרה, ווי עס טראָגט זיך אויף אַ טלית. מיט דעם דעקטוך איז די כּלה געגאַנגען די גאַנצע נאַכט פון דער חתונה. נאָך דעם באַדעקנס, זיינען די מחותּנים מיט דעם חתן אַוועק אויף זייער ערשטן אָרט, און דאָ זיינען די ווייבער, אַלע פון ערשט ביז לעצט, געגאַנגען אַ מזל-טוב-טאַנץ מיט דער כּלה, דער בדחן פלעגט אויסרופן די נעמען, און די כּלי-זמר פלעגן צושפּילן (דאָס איז געווען אַ הכנסה פאַר דעם בדחן מיט די כּלי-זמר). נאָכהער איז מען אַוועק צום חתן, דער חתן אויבנאָן, ביי אים אויפן טיש אַ גרויסע געפלאָכטענע קיטקע, מיט צוויי לייכטער מיט הבדלות, צו ליכט פון ביידע זייטן, אויף דער קיטקע דעם חתנס מתּנות: אַ טלית מיט אַ קיטל. אָט דאָ האָט זיך אָנגעהויבן פאַר דעם בדחן אַ שטיקל אַרבעט צו באַזעצן דעם חתן, ד. ה. זאָגן מוסר. די רייכע חתנים זיינען געווען לומדים מופלגים, דאָס איז אַמאָל געווען זייער דיפּלאָם, און וואָס אַ גרעסערער נדן, האָט אַלץ געמוזט זיין אַ גרעסערער למדן. צו זאָגן אַ מוסר פאַר אַזאַ חתן מיט אַזעלכע מחותּנים, דערצו האָט דער בדחן אויך ניט געטאָרט זיין קיין עם-הארץ... דער טלית און קיטל האָט געגעבן דעם בדחן שטאָף צום שטרענגן מוסר, טיף מאָראַליש, וואָרים דאָס זיינען דאָך עפּעס אייביקע קליידער; דער בדחן האָט „מעורר“ געווען דעם חתן, אַז היינט איז ביי אים אַ יום-הדין, מיט ראשי-תיבות פון טלית—„טוב לגבר יעשה תשובה“, קיטל—„קבורה יללה טהרה לויה“! קיין טרערן האָט דערביי ניט געפעלט!

נאָכהער האָבן די אונטערפירער גענומען דעם חתן אויך אַלע מחותּנים מאַרש מיט די כּלי-זמר פאָראויס צו דער חופּה, די חופּה האָט געמוזט זיין אויפן שולהויף ביי דער שול, עס האָט געמעגט זיין ווער ווייסט ווי ווייט. אויך די ערגסטע וועטערן האָבן ניט אָפּגעהאַלטן צו מאַכן די חופּה ביי דער שול. דערנאָך זיינען די כּלי-זמר געגאַנגען נאָך דער כּלה. „בינתּיים“, איידער מען האָט די כּלה געבראַכט, פלעגן קונדסים מיט שפּילקעס שטעכן דעם חתן, די מחותּנים, און טו זיי עפּעס! און דער עולם פלעגט לאַכן... געבראַכט די כּלה, געגאַנגען מיט איר זיבן הקפות אַרום דעם חתן, מסדר קידושין געווען האָט דער רב. נאָכדעם ווי מ'האָט איבערגעלייענט די כּתובה האָט מען צעבראָכן אַ גלאָז; פון דער חופּה איז מען צוריקגעקומען אין הויז פון דער כּלהס עלטערן, וואו די חופּה-וועטשערע דאַרף זיין. ווי מען האָט נאָר געבראַכט דעם חתן מיט דער כּלה האָט מען זיי אַריינגעלאָזן אין אַ חדר „מיוחד“, וואו קיינער אַחוץ חתן וכּלה האָט זיך ניט געטאָרט געפינען. ביי דער טיר פון צימער זיינען געשטאַנען 2 פרעמדע מחותּנים וואָס זאָלן זיין כּשר לעדות, זיי האָבן געדאַרפט זאָגן עדות, אַז אין צימער זיינען אַריין נאָר זיי ביידע, דער חתן מיט דער כּלה. זיי האָבן געהייסן „עדי-יחוד“ (אַ דין אין שלחן ערוך). אין דעם צימער פלעגט שוין ווערן אַריינגעטראָגן טיי, קאַווע פאַר חתן-כּלה אויף אָפּצופאַסטן זיך, ווייל חתן-כּלה האָבן דעם טאָג געמוזט פאַסטן. דער סאַרווער האָט זיי דערלאַנגט אויף אַ טאַץ אַ טעלער פיינעם זופּ, וואָס האָט געהייסן די „גאָלדענע יויך“, מיידלעך האָבן געטאַנצט, ביז דער סאַרווער האָט אויסגעשריען: „עולם צום, טיש“ דאַן זיינען אַריין די אונטערפירער אין צימער, גענומען חתן וכּלה און אַוועקגעזעצט זיי ביים טיש, דעם חתן ביי די מאַנסביל און די כּלה ביי די ווייבער.

דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען דער מאָלצייט. נאָך די פיש האָט דער חתן געזאָגט זיין „דרשה“, אויב ניט קיין אייגענע, איז זי געווען אַן אויסגעלערנטע. דערפון וואַקסט דער מנהג פון „דרשה-געשאַנק“.

נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ אַרבעט פאַר דעם בדחן. פאַר די פאַרצייטיקע גבירים מנהיגים, וואָס זיינען געווען די גרויסע לומדים מופלגים, האָט דער בדחן ניט געקענט אָפּקומען ווי היינט, מיט אַ לידעלע און מיט פּוסטע מעשהלעך, ער האָט געמוזט ווייזן חריפות, צונויפבינדן די פּרשה מיט דער הפטרה, אויך דעם חתנס דרשה מיט די נעמען פון חתן-כּלה, און אַלץ אין חרוזים; און דערפון אַרויסווייזן, אַז דער זיווג איז מן השמים, אַז שלמה דוד, מוז נעמען שרה דוואָשען. דאָס איז געווען אַ היבש שטיקל אַרבעט, פיל פון די פאַרצייטיקע בדחנים זיינען געווען טאַקע אמתע לומדים מיט גאוניש קעפּ. די כּלי-זמר האָבן געשפּילט גאַנצע פּאָפּורים פון באַרימטע חזנים, ווי פון „קאַשטאַן“, „ברוך בערלינער“, „יחיאלקע שפּילפויגל“ און צום סוף אויך פון פיינזינגער, פון „ווילנער בעל-הביתל“. איך געדענק נאָך זיין „עודדות בצדק“... „והביאנו לשלום“, אַלץ ערנסטע געשמאַקע יידישע נגונים. דער עולם האָט באַפרידיקט די כּלי-זמר מיט דעם בדחן לפי כּבודם.*)

---

*) געזען האָב איך דאָס ניט, נאָר איך האָב געהערט וועגן דעם מיט 40 יאָר צוריק פון אַלטע כּלי-זמרים.

**) דאָס האָב איך נאָך אַליין געזען אין פאָרשטאָט פון גראָדנע, מיט עטלעכע און דרייסיק יאָר צוריק.

*) דער חזן מיט די משוררים האָבן ביים טיש געזונגען פאַרשיידענע

נאָך דעם מאָלצייט האָט דער בדחן אויסגערופן דרשה-געשאַנק. אין די רייכע הייזער האָט דאָס דרשה-געשאַנק אָנגעטראָפן אָן אייגנס. מ׳האָט געגעבן גאַנצע טוצן זילבערנע געשיר, ווי גאָפל, לעפל, מעסער, טאַצן, לייכטערס, חנוכה-לאָמפּן, סאַמאָווארן, אַלץ 84 די פּראָ:ע מיט העלפאַנטביינענע באַפּוצונג. גאַנץ אָפט האָט מען געגעבן אויך אַלס דרשה-געשאַנק ווערטפּאַפּירן, למשל, אַ קאָנטראַקט אויף אַ אימעניע, אַ „זאַסטאַווע" אויף אַ הויז, פאַרשיידענע אָבליגאַציעס. דערפון פלעגט אַראָפּגערעכנט ווערן אַ פּראָצענט פאַר דעם בדחן מיט די כלי-זמר, אויך דעם סאַרווער. עס פלעגט פּאַסירן, אַז עס איז אָנגעקומען צו 200 רובל.

נאָכהער האָט זיך אָנגעהויבן אַ טאַרג אויף דעם בענטשן. דער ערשטער האָט געגעבן, למשל, 25 רובל. דער צווייטער מערער, דער דריטער נאָך מערער און אַז. וו. געווינסלעך איז געבליבן דאָס בענטשן ביי דעם, וואָס האָט מער געגעבן, און אויך די אַנדערע האָבן געמוזט באַצאָלן וויפיל זיי האָבן אָנגעבאָטן, און דאָס געלט איז בעגאַנגען אויף תלמוד-תורה. נאָך דעם בענטשן פלעגן נעמען די אונטערפירערקעס די כלה און אַוועקשטעלן איר אינמיטן צימער. ביי איר אויף דער האַנט איז געווען אָנגעבונדן אַ פאַטשיילקע מיט אַ ברעג אַרויס, פאַר דעם ברעג פלעגט אָננעמען יעדער מחותן און אַרומדרייען זיך מיט דער כלה, און דאָס האָט געהייסן „כשר-טאַנץ". דער בדחן פלעגט מוזן אויסרופן יעדערן ביים נאָמען, אין דרשנען אויף אים נוטריקון און גמטריאות, אייב ניט וויל יענער ניט גיין. איינער האָט זיך אַ פּאָר מאָל אַרומגעדרייט, האָט מען אויסגעשריען: „שוין געטאַנצט" כדי ער זאָל אַוועקגיין, און מ׳פלעגט אַ צווייטן אויסרופן; אָט אַזוי האָט זיך דאָס אָנגעהויבן פון דעם רב ביז דעם לעצטן. און נאָר דער לעצטער איז געווען דער חתן אַליין, און דאָס איז אַלץ געווען אַ הכנסה פאַר די כלי-זמר מיט דעם בדחן. נאָכהער פלעגן די כלי-זמר אויפשפּילן אַ קאַרעהאָד, ד. ה. אַ טאַנץ אין וועלכן עס דרייען זיך אַלע מאַנסביל באַזונדער און פרויען באַזונדער אין אַ ראָנד. אין רעכטן

מיטן טאַנץ, אין טומל, ווערן מיט אַמאָל נעלם חתן-כלה, די אונטערפירער מיט די אונטערפירערקעס, האָבן זיי אַרויסגעכאַפּט פון עולם און אַוועקגעפירט זיי וואו מען דאַרף... און דאָרט אויף אָן אָרט איז געווען דער חוב פון די אונטערפירערס מיט זייערע פרויען דערקלערן די אומשולדיקע נאַאיווע קינדער, ווי פּאַרצייטיקע חתן-כלה זיינען געווען, די מענער דעם חתן, די פרויען דער כלה, אַלץ וואָס עס איז נייטיק. און דער עולם פלעגט זיך דורכטאַנצן אַ ווײַלע און פלעגט זיך פונאַנדערגיין.

אויף מאָרגן האָט מען געמאַכט אַ „רומפּל". אין דעם הויז וואו עס האָבן זיך געפונען דאָס פּאָרפאָלק זיינען זיך צונויפגעקומען די נאָענטע מחותנים מיט זייערע ווייבער. אַהין זיינען אויך געקומען די כלי-זמר מיט דעם בדחן שפּילן פאַר אַלעמען אַ „דאָברידזען". אָפּגעגעבן כבוד אַלעמען, געשפּילט פאַר יעדערן באַזונדער. ווי עס האָבן זיך באַוויזן אין שטוב דאָס פּאָרפאָלק, האָבן די געסט אויסגעשריען אַ וויוואַט, און די מחתנים האָבן געפאָדערט פון דער כלהס עלטערן זיסן בראָנפן און צום פאַרבייסן נאָר האַרטן קעז, געגעסן אַ פיינעם מילכיקן פרישטיק, געהוליעט, געטאַנצט ביז פאַרנאַכט, נאָכהער גאָר פון דאָס ניי בעדעקט די טישן, געגעסן אַ מאָלצייט דאָס זעלבע ווי די חופּה-וועטשערע, דאָס איז געווען דער אָפּשיידס-מיטאָג, די כלה זעגנט זיך מיט אירע עלטערן, ווען זי קומט אָן צום חתנס עלטערן אויף קעסט; ווען פאַרקערט זעגנט זיך דער חתן מיט זיינע עלטערן. אויך די צונויפגעפאָרענע מחותנים פאָרן זיך פונאַנדער. בשעת דעם מאָלצייט ווערט געשפּילט און געטאַנצט, באַזונדערס אינטערעסאַנט זיינען די לעצטע מינוטן, פאַר דעם האָט דער בדחן געזאָגט אַ „ברכת-הפרידה", האָט כאַראַקטעריזירט דאָס זעגענען זיך פון די קינדער מיט די עלטערן, די פאַמיליע מיט די מחותנים, די כלי-זמר האָבן געשפּילט אַ געזעגן-טאַנץ, קיין טרערן האָט דערביי ניט געפעלט. פאַרביסן האָט מען מיט אַ פריילעכס, מיט אַ מאַרש, אַ האָפּקע-טאַנץ און—ענדע!

אָט אַזוי זיינען צוגעגאַנגען די אַמאָליקע חתונות אומגעפער ביז די זעכציקער יאָרן. מען מוז מודה זיין, אַז פיל נאַרישע אָבערגלויביקע מנהגים זיינען דאַן איינגעפירט געווען. ווי, צב״ש, באַזעצן די כלה אויף אַ ברויט-דייזשקע, פירן אין מקווה מיט כלי-זמר, אָפּשערן דער כלה די האָר; אָבער בכלל איז די חתונה געווען אַ שטרענגער מאָראַלישער אַקט, וועלכער איז געבליבן איינגעקריצט אין האַרצן ביי דעם פּאָרפאָלק אויף לאַנגע, לאַנגע יאָר.

תפילות, פיוטים, און פאַר דעם בענטשן געמאַכט „מי שברך" יעדן איינציקן מחותן, וועלכער האָט געגעבן פאַר זייער כבוד אַ נדבה אויף אַ צדקה-זאַך, יעדער גאַסט האָט פאַר דעם „מי שברך" אַריינגעשטעקט דעם חזן מיט די משוררים אין יד אַריין...



יעקב זיזמאָר

# פון מיינע זכרונות וועגן בדחנים.

פאַר מיין געדענקען, מיט אַ 40—50 יאָר צוריק איז אין שטעטל סיסלעוויטש געווען אַ בדחן ר׳ אלעזר סיסלעוויטשער. איך האָב אים גוט געקענט, געווען מיט אים צוזאַמען אויף צוויי חתונות, ער איז געווען אַ גרויסער למדן, האָט געהאַט סמיכות אויף הוראה, און זיין „זאָגן" איז געווען דורכאויס צוזאַמענגעמישט פון מאמרי חז״ל, מדרשים, די נעמען פון די מחותנים אַריינגעפלאָכטן אין אַ פּסוק פון דער סדרה, מיט נוטריקונס, גימטריאות וכדומה. ער איז געווען אַן אמתער ירא-שמים, פלעגט ניט מאַכן קיין טריט אָן אַ גמרא, האָט שטענדיק מיט זיך געהאַט אויף יעדער חתונה אַ קליינע גמראלע בערלינער אויסגאַבע, און אין קעשענע אַ קליינעם „מדרש רבא". דערצו נאָך האָט ער געהאַט אַ הדרת-פנים און זיך שטאָלץ געהאַלטן. אַזוי, למשל, פלעגט ער פאַר דער כלה דאָס „באַזעצנס" ניט זאָגן, ווייל אים האָט ניט געפּאַסט צו שטיין צווישן די ווייבער; דרשה-געשאַנק האָט ער קיינמאָל ניט אויסגערופן, דערקלערנדיק דעם טעם דערפון אַזוי: „ווי זעט דאָס אויס? נאָר-וואָס האָב איך געזאָגט תורה, דרוש,—און אַז אין חרוזים איז דאָס דען ניט קיין תורה? און באַלד נאָכדעם זאָל איך שרייען: חתנס צד, דרשה געשאַנק! אַזוי ווי אויף אַ טאַרג דער שאַצער—„קטאָ באָלשע דאַיאָט!.." איך בין דאָך דערמיט מחלל דעם כבוד התורה". ער פלעגט ניט עסן אויף קיין חתונה, און איז געווען זייער אָנגענומען אויף די רבנישע און לומדישע חתונות, מען האָט נאָך געזאָגט, אַז די פּרנסה פון די חתונות פלעגט ער פאַרטאָן אויף צדקה, ווי הכנסת-כלה, תלמוד תורה, אַליין האָט ער געהאַט אַ הויז אין שטעטל און די ווייב האָט געפירט אַ היבשן שפּייז-געשעפט. אויף דער לעצטער חתונה האָב איך אים געזען ביי דעם קרינקער רב און אין דעם יאָר אומגעפער אין אַ צוויי חדשים שפּעטער איז ער געשטאָרבן צו 68 יאָר (אין תרמ״ט).

אין ביאַליסטאָק איז געווען אַ בדחן ח׳ מאַנע קאַס, אַ גרויסער מושלם אין שפּראַכן, איבערהויפּט אין לשון-קודש, געווען אַ צייט אַ לערער פון העברעאיש אין ביאַליסטאָק (די מוזיקער, ברידער קאַס, איינער פון זיי אַ קאַפּעלמייסטער, זיינען זיינע קינדער).

דאָ אין ווילנע איז געווען אַ בדחן פאַר צונזערס צייטן, אַ געוויסער ר׳ הילל בערל-זאַוולס אַ אייניקל (פון די וואָס האָבן געבויט „זאַוולס שול"), אַ למדן-מופלג; צו זיין אויפרוף פאַר זיין חתונה אין זיידנס שול האָט ער געזאָגט אַ פּילפּול פאַר דעם עולם.

אין באָברויסק האָט געוואוינט אַ בדחן ר׳ פסח-אלי, איז ער געווען דער גאון פון די אַלע בדחנים פון דער לעצטער צייט, וואָס זיינען אונז באַוואוסט. זיין בקיאות אין נ״ך מיט אַלע מפרשים איז געווען אין לשער, מען האָט נאָר געדאַרפט אים זאָגן אַ צוויי ווערטער, פלעגט ער זאָגן דעם פּסוק פריער און דעם פּסוק נאָכדעם; אין תלמוד און מדרש איז ער אויך געווען אַ גרויסער בקי, דערצו געהאַט אַ שיינע אויסשפּראַך, מיט אַ שיינעם אויסזען. רבנים לומדים מופלגים האָבן פאַר אים דעם גרעסטן דרך-ארץ געהאַט, אליקום צונזער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט געזען ביי אים בריוו, איינלאַדונגען אויף חתונות פון רבנים, פלעגן זיי אים טיטולירן: „להרב הבקי בחדרי תורה". זיין גאונישער קאָפּ, זיינע פלינקע איינפאַלן, זיין קלוגער טיפער בליק האָט באַצויבערט אַלע זיינע צוהערער. ער איז געווען דער מקור, וואָס אַלע בדחנים האָבן פון אים געשעפּט. אַלע רעדעס, הדר״נס, ווי אויך די באַזעצונגען, אין וועלכע עס זיינען געווען פאַרמישט פּסוקים, מאמרי חז״ל, וואָס אליקום צונזער האָט דערמיט די וועלט געצומען, האָט דאָס אַלץ געשטאַמט פון דעם פסח אלי ע״ה. די קונסט פון די לידער מיט די מעלאָדיעס איז שוין געווען צונזערס כוח, וואָרים אין די זאַכן האָט זיך ניט פאַרנומען אַזאַ גאונישער קאָפּ ווי פסח-אלי ע״ה, נאָר איין שוואַכקייט האָט ער געהאַט, ער פלעגט זיך ניט שטעלן זאָגן פאַר דעם עולם, וואו ער האָט ניט פריער אַ גוטן שנאַפּס געמאַכט, אַ טייבלאָז 90-קער ספּירט אויסגעטרונקען, האָט דער „יין שרף" אים געמאַכט פאַר אַ „מלאך שרף"... די באַן האָט נאָך דאַן ניט אומעטום פונקציאָנירט, האָט זיך דער פסח-אלי געהאַט אַ קיביטקע, ד. ה. אַ וועגל אויף רעסאָרן אויף צוויי רעדלעך מיט אַ פיינעם פערדל, אַליין געווען דער קוטשער און פלעגט פאָרן אויף חתונות. מיט אַ יאָר 25 צוריק און אפשר עטוואָס

מער, האָב איך, זייענדיק אין באָברויסק, באַזוכט דעם „גאון הבדחנים". ער איז געווען שוין אין שטאַרקן עלטער, געפירט מיר ווייזן זיין פרוכט־גאָרטן, זיינע בינשטאָקן, זיין גרויס שיין הויז און אַפילו די קיביטקע, אָבער אָן שפאַן און פערד, וואָרים ער האָט שוין דאַמאָלסט די בדחנות ניט גענוצט.

אין מינסק איז געווען אַ בדחן אַ מפורסם, ר' ס ע נ ד ע ר. ער האָט שוין געשריבן לידער, געווען אַ שיינער מוזיקער, געשפילט גוט פידל. אויך האָט ער זיך ביי אַ דייטש אויסגעלערנט די „מאַגיק", ד"ה קונצנמאַכן און פלעגט דאָס אויסנוצן אויף חתונות. ער איז געווען אַ בעל־לשון, געשריבן נוסחאות מיט שירים אויף מצבות. זיינער אַ זון איז דער באַקאַנטער פידל־שפּילער פ י ד ל מ אַ ן אין פעטערבורג.

אין זונזערס צייטן האָט אויך געשמט פאַר אַ גוטן בדחן אַ געוויסער ה י ל ל ק ל ע ב אַ נ אָ ו ו פון באָריסאָוו. ער האָט געשריבן אַ ווערקל „דער קאַריידאָר", איייניקע לידער, געהאַט אַ גוטן אַקצענט צום פאָרטראָגן און בכלל געווען ניט קיין עם־הארץ. ער איז געשטאָרבן מיט אַ יאָר 15 צוריק.

צולעצט האָט זיך געוויזן אין אונזער געגנט דער באַרימטער בדחן אליקום צונזער ע"ה מיט זיינע לידער און צו זיי צוגעפאַסטער מוזיק, מעשה אַקטיאָר. צונזער ע"ה מיט זיינע לידער צוגעפאַסט צו דער צייט—אַלץ צוזאַמען האָט אים אַ קאָלאָסאַלן ערפאָלג געמאַכט ביי דעם פובליקום.

און זיין לאָרבערקראַנץ האָט ער כשר פאַרדינט, ערשטנס דערפאַר אַליין וואָס ער איז געווען אַ „מולך בעצמו", פון זיך אַליין געקיניגט, מיט כוח, מיט מוח, מיט ענערגיע. קיין „גירסא דינקותא" האָט ער ניט געהאַט, קיין ישיבה האָט ער ניט באַזוכט, זיינע עלטערן זיינען געווען גאָר ניט קיין רייכע. צו 12 יאָר איז ער אָנגעקומען צו אַ שמוקלער, צו 23 יאָר האָט ער חתונה געהאַט. צופעליקערווייז, וואו זיינע שוויגערעלטערן האָבן געוואוינט, איז געווען אין שכנות דער בדחן משה וואַרשעווער, בשעתו באַוואוסט געווען אין ווילנע, הגם ניט פון די גרויסע מפורסמים. צו גראַמען זאָגן האָט אליקום געהאַט אַ נייגונג פון קינדהייט אָן, איז ער געוואָרן אַ איינגייער ביי משה וואַרשעווער. אַן אָרימאַן איז ער נעבעך געווען אַ גרויסער, האָט ער אויסגעשטודירט ביי אים אויף בדחן. נאָכהער אַז ער איז שוין געווען אין דער פראָפעסיע, האָט ער מיט אַ איבערמענטשלעכער ענערגיע געאַרבעט אין דעם פאַך וואָס מער צו דערגיין, געדונגען אַ רבי'ן, געלערנט תנ"ך, עין־יעקב, געצאָלט וויפיל אין זיין מעגלעכקייט איז געווען פסח־אלי'ן באָברויסקער פאַר זיינע מאמרים.

האָט ער נייטיק געהאַט וואָס צו שרייבן, איז רעכט געווען ניט שלאָפן די נאַכט, אויף פרי זיך צושפאַרן אין די זאַכן אויף אַ ווילע, און פאָרגעזעצט ווייטער די אַרבעט. דאָס האָב איך זעלבסט געזעען פון אים. פאַר זיין גרויסער שטרעבונג און התמדה, וואָס ער האָט געטאָן אין זיין זאַך, האָט ער כשר פאַרדינט דעם גרויסן נאָמען, וואָס ער האָט זיך ערוואָרבן אַלס בדחן.

צייט עס איז געוואָרן די מאָדע פון די לידער, איבערהויפט אין צונזערס צייט, איז די בדחנות אַריין ווי מ'זאָגט אין שוסטער־גאַס. ווער עס האָט נאָר פאַרמאָגט אַ שטיקל שטימע אָדער אַזוי אַ געזונט האַרץ אויף שרייען, פלעגט זיך אויסלערנען אַ פאַר לידלעך, געקויפט ביי אַ ריכטיקן בדחן אַ באַזעצנס מיט אַ „גוט מאָרגן" און געוואָרן אַ בדחן. איך האָב אַליין געשריבן פאַר אַזעלכע בדחנים פיל מאָל, געוויינטלעך פאַר אַ גוטער באַלוינונג. איך האָב נאָך געהאַט אַזעלכע סוביעקטן, וואָס מען האָט געמוזט שרייבן פאַר זיי אויף כתיבהטע שריפט, וואָרים געשריבענע האָבן זיי ניט געקענט לייענען. און אַז עס פלעגט זיך דורכוואַרפן אַ לשון־קודש־וואָרט, ווער רעדט — אַ תלמודישער אויסדרוק, פלעגט מען מוזן מיט דעם נפש גוט איינשטודירן. נאָכהער פלעגט דאָס פון אים אַרויסקומען אידרעק־פידרעק... פון די דאָזיקע בדחנים די עמי־הארצים, פלעגן אַנדערע אויספירן זייער אַמוזאַנט פאַר דעם פובליקום פאַרשיידענע פאָקוסן, ווי בענדער ציען, פייער שלינגען און נאָך אַזעלכע קונצן, וואָס זיי פלעגן זיך אויסלערנען ביי אַ קונצנמאַכער. פון דעם אַרט בדחנים האָב איך איינעם גוט געקענט אונטער דעם נאָמען „סאָינע דער ביאַליסטאָקער". ער האָט געהאַט אַ גרויסן טאַלאַנט אין מימיק און קאָמיק. ווען ער וואָלט שטודירט אין דעם און באַזעסן פיל־ווינציק בילדונג, וואָלט ער אַ באַרימטער אַרטיסט געווען. אַזוי ווי ער איז אָבער אין זיין יוגנט געווען אַ דאַמען־שוסטער, האָט קיין שום בילדונג ניט געהאַט, ניט קיין יידישע און ניט קיין אייראָפּעאישע, האָט ער זיך ווי די אַלע בדחנים זיינס גלייכן זיך אויסגעלערנט אָט די אַלע סקאַרבאָווע זאַכן, וואָס אַ חתונה פאָדערט, און איז געוואָרן אַ בדחן. ער האָט געהאַט אַ כוח אויסצוטראַכטן זיך אַליין פאָרשטעלונגען, למשל—„דער קאָרגער בחור", „דער קליינשטעטלדיקער חזן", „די עגונה זוכט איר מאַן", „פון וויגל ביז דעם גריבל" (די פאַרשיידענע פעריאָדן פון אַ מענטשנס לעבן), האָט געפירט מיט זיך אַ טשעמאָדאַן מיט בערד, פאַרשיידענע קליידער, אויך דאַמענקליידער, און האָט אויסגעפירט יעדער זאַך מיט זיין מימיק און קאָמיק ווי אַן אמתער קינסטלער. געוויינטלעך, די ווערטער פון די קופּלעטן מיט דער מוזיק—דאָס האָט מען אים שוין געשאַפן, נאָר די אויספירונג מיט דעם מאַסקירן און גרימירן זיך—איז געווען אַרטיסטיש. אין גרונד גערעדט, האָט דאָס מיט בדחנות גאָר אַ קנאַפּן אויפטראָג, דאָך האָט ער זיך פאָרט גערופן „סאָינע דער ביאַליסטאָקער בדחן".

אָט דער מין בדחנים האָבן זייער נידעריק געשטעלט ביי היינטוועלטיק געבילדעטע מענטשן אין די אויגן די בדחנות, און ווי צונזער ע"ה האָט געשטרעבט די בדחנות אויסצופוצן, צו געווינען דעם געשמאַק פון דעם נייעם דור, האָט דאָס אַלץ ניט געהאָלפן, חברה זיינען שוין געוויינט געוואָרן צו אָפּערעס, אָפּערעטעס, באַלעטן, האָט שוין זיי ווינציק אינטערעסירט צונזערס מעלאָדיען מיט די לידער. איינמאָל זומער באַגעגענען האָב איך זיך מיט אים געטראָפן גייענדיק פון חתונות, איך פון מיינער און ער פון זיינער. קלאָגט ער זיך פאַר מיר „ברודער, עס איז ניט גוט, אַז די שענסטע געסט, די סמעטענע פון פובליק, קענען זיך ערלויבן לאָזן שטיין אליקומען אויף דער בימה און אַוועקגיין אין קאַמער שפּילן אין קאָרטן, איז שוין דאָ פאַר מ'ר מער קיין פלאַץ ניטאָ", און כך הווה— אין אַ האַלב יאָר אַרום איז ער אַוועק קיין אַמעריקע.

אליקום איז אַוועקגעפאָרן, און איך בין דאָס געבליבן זיין שטעלפאַרטרעטער. די פרוכט האָט ער אַראָפּגענומען, ביי די עוללות בין איך געבליבן. איך האָב צו גאָט ניט, די פראָפעסיע האָט מיר געגעבן צייט 43 יאָר גוט צום לעבן, קינדער אויסגעבילדעט אויף דער העכסטער שטופע.

איך בין שוין אויף דער עלטער, עס איז שוין צייט באַלד פאָרן אַהין... וועמען לאָז איך דאָ איבער אויף מיין פלאַץ? דוכט מיר, אַז קיינעם ניט.

ריכטיק האָט מיר אַמאָל געזאָגט ד"ר עליאַשעוו (בעל־מחשבות):

„מיר דוכט, אַז איר זייט דער לעצטער אין דעם פאַך. וואָס האָט ביי יידן עקסיסטירט כמעט 200 יאָר, איר זייט דער לעצטער בדחן. געוויינטלעך, פון די, וואָס מען קען רופן בדחן".

און אויב דאָס איז אמת, וואָס ד"ר עליאַשעוו האָט געזאָגט, איז דאָס דער שרייבער פון די שורות דער לעצטער בדחן.

א. מ. בערנשטיין.

# איינער פון די לעצטע.

יעקב זיזמאַר, אָדער ווי דאָס פאָלק האָט אים גערופן דער „זעזשמער בדחן", האָט זיך באַזעצט אין ווילנע אין אָנהייב פון דער מלחמה און איז שוין דאָ פאַרבליבן ביז זיין לעצטער שעה. ער האָט זיך דאָ געהאַט זיינע אָנהענגער, וועלכע פלעגן גרויס הנאה האָבן פון זיינע פאָרטראָגן אין פראָזע און גראַמען; פון זיינע וויצן, גלייכווערטלעך, וואָס עס פלעגן זיך שיטן ביי אים אָן אַ צאָל; פון זיינע ראשי־תיבות, גימטריאות אויף די נעמען פון חתן־כלה און מחותנים, וואָס פלעגן ביי אים עקספּראָמפּט פאַרפאַסט ווערן. אין די לעצטע שווערע יאָרן איז בטל געוואָרן דער מנהג צו פייערן האָכצייטן מיט מוזיק, אין גרויסע, דערצו באַשטימטע זאַלן, מיט אַ גרויסער צאָל איינגעלאַדענע געסט. שטיל, אין דעם ענגן קרייז פון דער פאַמיליע, ווערן איצט חתונות געמאַכט, מ'האָט אַלץ מורא פאַר עין־הרע, פאַרן „למה תתראו", סיי כלפי פנים און סיי כלפי חוץ... אָבער דאָך פלעגט מען עפ"י רוב געפינען פאַר נייטיק איינצולאַדן כאָטש „דעם זשעזשמער", ער זאָל אויפמונטערן און אַמוזירן די געסט מיט זיינע סאַטירישע און „מאָראַלישע" לידער און מאַנאָלאָגן.

עס איז שוין לאַנג אַוועק די צייט, וואָס דער בדחן פלעגט זיין דער „מושל יחידי", דער גאַנצער טאָנגעבער אויף חתונה, וואָס אָנהייבנדיק מיטן „דאָברידיען", מיטן באַגריסן די געסט ביי זייער צוזאַמענקומען, ביזן שפּילן דעם „זייט־געזונט", איז ער געווען דער צערעמאָניעמייסטער אין פולן זין פון וואָרט „אשר בלעדו לא ירים איש את ידו ואת רגלו". דאָך פלעגט נאָך אין געוויסע קרייזן דער בדחן האָבן אַ אָנגעזעענע ראָלע. און דער עלטערער דור פלעגט עפּעס אויפגעמונטערט און אויפגעלייגט ווערן פון דעם זעזמערס אַ „זאָגעכץ".

יעקב זיזמאַר איז געווען איינער פון די לעצטע בדחנים, אויב ניט דער לעצטער, ווי ער שרייבט אַליין אין זיינע זכרונות. אין דער ביבליאָגראַפישער רשימה פון די פאָלקסלידער־ביכלעך, וואָס שמואל ווינער ברענגט אַלס ביילאַגע צו גינזבורג־מאַרעקס „פאָלקסלידער", געפינען מיר פאַרצייכנט דאָס ביכל פון יעקב זיזמאַר: „ד י א ס פ י ר ה ה" („מיר ציילין אלע ספירה איז דאָס דרייא לידער, וועלכע עס איז פאַרגישטעלט גיוואָרען פֿון מיר אויף פֿילע גראָסאַרטיגע הויכצייטען אונ געזעלשאַפטען... 1) דאָס פּאַפּיריל. 2) דיא קאַמאַדע. 3) דער לאָך. פערפאַסט פון מיר יעקב זיזמאַר בדחן מגראַדנא". ווילנא י"ל מ"ץ, תרמ"ג, 1883, 32 עמודים). אין יאָר 1917 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ העפט לידער און קופּלעטן: „דאָס יודישע הערץ".

ער האָט די גאַנצע צייט שטאַרק געליטן מאַטעריעל. אָפּגעריסן פון זיינע זין, פון וועלכע איינער איז אַן אינזשעניער־אַרכיטעקטאָר אין רוסלאַנד, אַ צווייטער אַ דאָקטאָר אין דייטשלאַנד, ביז ער איז אויפן 67־סטן יאָר פון זיין לעבן געשטאָרבן אין שפּיטאָל פון „משמרת־חולים".

# ביילאַגע צום „פּנקס“.

## מאַטעריאַלן צום יידישן פאָלקלאָר.

### יידישע פאָלקסלידער.

גיזאַמלט, דערקלערט, קלאַסיפיצירט,
קאָנטראָלירט און איבערגעגעבן צום דרוק
— — פון ש. באַסטאָמסקי. — —

איינער פון די וויכטיקסטע צווייגן פונם פאָלקלאָר בכלל און פונם יידישן פאָלקלאָר בפרט איז אָן שום ספק דאָס פאָלקסליד.

אין די פאָלקסלידער שפּיגלען זיך אָפּ, הגם אין אַ פּרימיטיווער, אָבער אין זייער אַ האַרציקער און אייגנאַרטיקער פאָרם, די אָנשויאונגען, פאָרשטעלונגען און זכרונות פון דעם אָדער יענעם פאָלק, זיין באַציאונג צו די אַרומיקע דערשיינונגען, זיין פרייד און טרויער, צער און צאָרן, ליבע און האָפענונג, זיינע גייסטיקע אייגנשאַפטן.

דאָס פאָלקסליד פירט אונז אַריין אין דער אינטימער וועלט פון דעם פאָלקסלעבן, אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פון דער פאָלקס-נשמה. סיי דער היסטאָריקער און סיי דער עטנאָגראַף געפינען אין די פאָלקסלידער אַ מאַטעריאַל ניט אָפּצושאַצן פאַר זייערע פאָרשונגען און אָפּהאַנדלונגען.

דער מחבר פון די פאָלקסלידער איז דאָס פאָלק אַליין, די אומבאַקאַנטע פאָלקסדיכטער אָדער פאָלקסזינגער, וואָס האָבן ניט בדעה דורך זייערע שאַפונגען צו מאַכן זיך אַ נאָמען. דער פאָלקסדיכטער שטייט ניט העכער פון דער אַלגעמיינער מאַסע, זיין קוק אויף דער וועלט און אויף די דערשיינונגען פון לעבן איז דער זעלבער ווי פון דעם ברייטן המון. דאָס איז דער פּאָעט פון דער מאַסע. זיינע געדאַנקען שעפּט ער דירעקט פון דעם אַרומיקן לעבן, פון דעם פאָלקסמויל און פון זיין אייגענער נשמה.

אין דעם „קליין מענטשעלע“ מאָלט אונז מענדעלע מוכר-ספרים אַ בילד, ווי אַזוי אַ יידיש פאָלקסליד פלעגט אַמאָל געשאַפן ווערן.

... „עס שטייט זיך אַ שטייגער איציק דאָס שניידערל מיט אַ פּרעסל אין דער האַנט איבער אַ שטיקל אַרבעט, הייבט אָן אויף אַ קוויטש אַ מאַרש, צוקלאַפּנדיק צום טאַקט מיטן פּרעסל, און חברה פּועלים, בחורים, אַרום טיש, אַרבעטנדיק געשווינט מיט דער נאָדל, העלפן אונטער, דער אויפן געלענקל, יענער אויפן בייקעלכל, איטלעכער מיט וואָס ער קען...

„דאָרט ביי די פּועלים, ווערן אָפט געזונגען לידלעך, אייגענע אַרבעט טאַקע, וואָס גייען דערנאָך אַרויס אויף דער וועלט, צווישן עולם, פאַלן אַריין אין מויל צו מיידלעך, דינסטמיידלעך און באַקומען דעם נאָמען „פאָלקסלידלעך“.

וואָס איז דער אינהאַלט פון די יידישע פאָלקסלידער?

די דאָזיקע טעמע איז זייער אַ ברייטע און אַ פאַרצווייגטע.

די ראַמען פון דעם אַריינפירוואָרט ערלויבן אונז ניט צו באַהאַנדלען די פראַגע אין דער גאַנצער ברייט.

מיר וועלן דעריבער נאָר אונטערשיידן אייניקע מאָמענטן, ברענגען עטלעכע איליוסטראַציעס.

אויף דער געשטעלטער פראַגע גיט אונז, אויף זיין שטייגער, אַן ענטפער ווידער מענדעלע מוכר=ספרים:



„דער תוך פון די לידלעך איז געווען זייער פאַרשיידן.

„ס'איז געווען אַזוינע איבער ליבעס: אַ דינסטמיידל, אַ שטייגער, פאַרבענקט זיך אין דער פרעמד נאָך איר געליבטן, דערמאָנט זיך וויינענדיק אין די גוטע, זיסע מינוטן, ווי זיי פלעגן פאַרברענגען צוזאַמען, ווי אַ פּאָר טויבן, אויפן שפּאַציר, אַמאָל אין די געדיכטע וועלדער, און אַמאָל צווישן ווייץ און קאָרן; אָדער סתם אַ מיידל גיסט אויס איר האַרץ, ניט זיך ניט דער נשמה צו עפּעס אַ חתן ווי אַ קליין קינד מיט די הענטלעך צו דער שיינענדיקער לבנה. און לידלעך פון אַ שנור איבער אַ בייזער שוויגער, פון אַ יתומה איבער שטיפמוטער, לידלעך פון יידישע רעקרוטן, ווי זיי געזעגענען זיך מיט אַלע זייערע ליבע פאַרן אַוועקגיין אויף דינסט אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

„צווישן די לידלעך איז דאָ פילע איבער נגידים, קהלס-לייט און כלי-קודש, אין וועלכע די בעלי-מלאכות יעבענען זיך אָפּ מיט די אַלע פיינע-בריות, פאַר די צרות און לייד, וואָס זיי שטייען פון די לייט אויס“.

דאָס יידישע פאָלקסליד איז זייער אַלט. פאַראַן לידער, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין XV יאָרהונדערט, ווען קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן האָבן נאָך געוואוינט אין דייטשלאַנד און אין אַנדערע לענדער פון מערב אייראָפּע*). צום באַדויערן איז פון די אַלטע לידער פאַרבליבן זייער אַ קליינע צאָל. דער גרעסטער טייל פון די פאַרעפנטלעכטע לידער איז געשאַפן געוואָרן אין די שפּעטערדיקע צייטן אין די לענדער, וואו ס'האָט זיך דורות לאַנג קאָנצענטרירט דער רוב מנין ורוב בנין פון פאָלק.

אין די יידישע פאָלקסלידער געפינען מיר אַ גרויסן עטנאָגראַפיש=לעבנסשטייגערלעכן מאַטעריאַל. זיי גיבן אונז אַן עכטן שפּיגל פון דעם אַמאָליקן פּאַטריאַרכאַלישן יידישן לעבן, ווען דער לייט-מאָטיוו פון דער מאַמעס וויגליד איז געווען:

... „וואָס איז די בעסטע סחורה?
דאָס קינד וועט לערנען תּו״ה,
תּורה וועט ער לערנען, ספרים וועט ער שרייבן,
אַ גוטער ייד וועט ער פאַרבלייבן“...

ס'איז גענוג איבערצולייענען די זאַמלונגען פון די יידישע פאָלקסלידער כדי דאָס בילד זאָל זיך אַנטפּלעקן פאַר אונזערע אויגן מיט אַלע פינסטערע און ליכטיקע זייטן.

חוץ דעם לעבנסשטייגער פאַרנעמען זייער אַ וויכטיקן אָרט אין דעם אוצר פון דעם יידישן פאָלקסליד די אַזוי גערופענע „היסטאָרישע לידער“. אין די דאָזיקע לידער האָט דאָס פאָלק רע=

*) זע דעם אינטערעסאַנטן אַרטיקל פון ד״ר י. שיפּער — „פון דער געשיכטע פון טעאַטער-קונסט ביי יידן“ אין אַלמאַנאַך צום 10-יאָריקן יובליי „פון מאמענט“, וואַרשע, 1921.

אַגירט אויף די אַלע געשעענישן, אָנשיקענישן, גזרות, פּאָגראָמען, פורעניות פון פאַרשיידענע זייטן. די צאָל פון די היסטאָרישע לידער דאַרף זיין זייער רייך. גאַנץ טרעפלעך דריקט זיך אויס וועגן דעם נח פרילוצקי: „אַ ליד ווערט געשאַפן, ווען די נשמה צאַפּלט און ביי וועמען צאַפּלט די נשמה אַזוי אָפט ווי ביים יידן?" צום באַדויערן זיינען נאָך ווייט ניט אַלע לידער צונויפגעזאַמלט געוואָרן.

פון די אַלע גזרות פון פאָריקן יאָרהונדערט האָט דעם שטאַרקסטן איינדרוק אויף די יידישע פאָלקסמאַסן אין רוסלאַנד געמאַכט די גזרה פון ניקאָלאַי דעם I-טן וועגן כאַפּן און אָפּגעבן יידישע קינדער פאַר סאָלדאַטן.

די דאָזיקע גזרה איז פאַר יענער צייט געווען אַזוי שרעקלעך, אַז אפילו די שפּעטערדיקע זכרונות וועגן איר זיינען פול מיט גרויל. און אין דער אמתן: מ'דאַרף זיך נאָר אַריבערטראָגן אין יענער צייט און זיך פאָרשטעלן, ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען דאָס דאַמאָלסטיקע יידישע לעבן.

די יקדישע עדה איז געווען אָפּגעשלאָסן און אָפּגעצאַמט פון דער אַרומיקער וועלט. דאָס פאַרלאָזן די היים אַליין איז שוין אויך געווען אַ גרויסער ריס. היינט די דאַמאָלסטיקע „סלוזשבע" בכלל, די „סלוזשבע" פון דער צייט פון ניקאָלאַי דעם I-טן, ווי אַזוי האָט זי געווירקט אויפן יידישן יונגנמאַן, וואָס פלעגט נאָר-וואָס אַוועק פון דער גמרא און פון בית-המדרש!...

איין קוק פון אַ פּאָניע איז גענוג געווען, אַז ביי דעם יידישן יונגן זאָלן אָפּגענומען ווערן הענט און פיס און ער זאָל ווערן „טויט ווי אַ מת". די באַציאונג פון די יידן צו דער גזרה איז דעריבער גאַנץ פאַרשטענדלעך. יעדערער האָט זיך געפּרובט ראַטעווען ווי נאָר ער האָט געקאָנט, אַנטלויפן וואו די אויגן וועלן טראָגן. אין אַ ליד פון יענער צייט ווערט דער דאָזיקער מאָמענט אַזוי געשילדערט.

„דער ערשטער אוקאַז איז אַראָפּגעקומען אויף יידישע זעלנער,
זיינען זיך אַלע צעלאָפן אין די פּוסטע וועלדער.
אוי וויי, אוי וויי!

אין אַלע פּוסטע וועלדער זיינען מיר צעלאָפן
אין פּוסטע גריבער זיינען מיר פאַרלאָפן.
אוי וויי, אוי וויי!

בין איך געלעגן אין גרוב אַ טאָג מיט דריי מעת-לעת.
בין איך געוואָרן טויט ווי אַ מת.
אוי וויי, אוי וויי!

צו דער גרויסער יידישער חרפה מוז דערמאָנט ווערן, אַז צווישן די יידן גופא האָבן זיך אין יענער צייט געפונען אַזוינע פאַרשוינען, וואָס פלעגן זיך פאַרנעמען מיט דער שענדלעכער אַרבעט פון כאַפּן יידישע רעקרוטן. דאָס זיינען געווען די אויסוואורפן פון דער געזעלשעפט, ווער עס פלעגט זיך קענען אויסקויפן, פלעגט פון זיי באַפרייט ווערן. אין דעם זעלבן ליד ווערט געזונגען:

קומט אַריין דער כאַפּער מאיר,
טראָג איך אים אַריין דעם ווייסן צווייער.
אוי וויי, אוי וויי!

דעם ווייסן צווייער צוגענומען, צוגענומען
און מיך פאַר קיין רעקרוט ניט גענומען.
אוי וויי, אוי וויי!

אָפטמאָל פלעגט אָבער דאָס געלט אויך ניט העלפן. דער כאַפּער פלעגט צונעמען דאָס געלט און דאָך ניט שאַנעווען דעם נפש:

„קומט אַריין דער כאַפּער מענדל
טראָג איך אים אַריין דאָס רויטע רענדל.
אוי וויי, אוי וויי!

דאָס רויטע רענדל צוגענומען, צוגענומען
און מיך פאַר אַ רעקרוט מיטגענומען.
אוי וויי, אוי וויי!

פון דער דאָזיקער גזרה האָבן דאָס רוב געליטן די אָרימעלייט און אין די פאָלקסלידער דריקט זיך אויס זייער שאַרפער פּראָטעסט ווי קעגן דער גזרה בכלל, אַזוי אויך קעגן די יידישע גבירים און כלי-קודש, וואָס העלפן מיט, אַז פון די גזרות זאָל ליידן נאָר דער אָרימאַן.

אַלס בעסטע אילוסטראַציע פון דעם מין לידער קען דינען דאָס פאָלגנדיקע ליד:

טרערן גיסן זיך אין די גאַסן,
אין קינדערשע בלוט קען מען זיך וואַשן.
געוואַלד וואָס איז דאָס פאַר אַ קלאָג?—
צי דען וועט קיינמאָל ניט ווערן טאָג?

קליינע עופהלעך רייסט מען פון חדר,
מע טוט זיי אָן יווניש קליידער.
אונזערע פרנסים, אונזערע רבנים
העלפן נאָר אָפּצוגעבן זיי פאַר יוונים.

ביי זושע ראַקאָווער זיינען דאָ זיבן בנים,
און פון זיי ניט איינער אין יוונים,
נאָר לאה די אלמנהס איינציק קינד
איז אַ כפרה פאַר קהלשע זינד

עס איז אַ מצווה אָפּצוגעבן פּראָסטאַקעס,
שוסטער, שניידער זיינען דאָך ליידאַקעס.
קרעציקע כייציקלעך פון אַ משפחה אַ שיינער,
טאָר ביי אונז ניט אַוועקגיין ניט איינער.

צווישן די היסטאָרישע יידישע פאָלקסלידער זיינען פאַראַן אויך אַזוינע, אין וועלכע עס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער אָנטייל פון די יידן אין דעם פּוילישן אויפשטאַנד. אַ שטאַרקן איינדרוק מאַכט דאָס ליד, אין וועלכן עס ווערט געשילדערט, ווי אַזוי איינער אַ ייד ווערט פאַרמשפט צום טויט פאַר דעם דאָזיקן פאַרברעכן. צום לעצטן מאָל קוקט ער אָן די שטאָט פון זיין געבורט און זעגנט זיך מיט איר מיט אַזוינע ווערטער:

...„ווילנע, ווילנע, קלאָג צו מיין קלאָג,
איך זע דאָך דיר דעם לעצטן טאָג!...

(ג. מ.)

די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד האָבן געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק אויף די יידישע מאַסן, און דאָס פאָלק האָט אויסגעדריקט ויין שרעקלעכן צער און ווייטאָג אין אַ סך לידער. אין אַ ליד, וואָס שטאַמט פון די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד אין די 80-קער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט געפינען מיר אַזוינע כאַראַקטעריסטישע שטעלן:

...„אוי, די ווילדע קאַצאַפּעס
מיט זייערע לאַפּעס,
זיי האָבן אַלעס פאַרדאָרבן,
די הויז צעבראָכן,
דעם פאָטער דערשטאָכן,

דער מוטער איז פון שרעק געשטאָרבן,
דער ברודער פון צאָרן אַנטלאָפן געוואָרן
און ער האָט אויך איין מערדער דערשאָסן.
אַך, רואיק לעבן, עס קען דאָך ניט געבן,
מע האַט אים אין קייטן געשלאָסן...״

(זע אונזער זאַמלונג)

דאָס ליד וועגן דעם שרעקלעכן פּאָגראָם אין אָדעס אין יאָר 1905 הייבט זיך אָן מיט אַזוינע ווערטער:

„ווער עס האָט די בלאַט געלעזן
פון דער באַרימטער שטאָט אָדעס,
וואָס פאַר אַן אומגליק ס׳האָט געטראָפן
אין איינע צוויי דריי מעת-לעת...״

(זע אונזער זאַמלונג)

מיטן אָנהייב פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג הייבט זיך אָן אויסצוקריסטאַליזירן אַ נייער קלאַס, וואָס הייבט אָן צו שאַפן אַ נייעם מין לידער. דאָס זיינען די לידער פון קאַמף קעגן דער צאַרישער זעלבסטהערשונג פאַר פּאָליטישער פרייהייט און סאָציאַלער גערעכטיקייט.

„שוועסטער און ברידער,
לאָמיר זיך ניט אירצן,
לאָמיר מיקאָלאַיען
די יאָרעלעך דערקירצן!..״—

דאָס איז דער הויפּט-מאָטיוו פון דעם נייעם אַרט לידער. די נייע צייטן רופן אַרויס אַפילו נייע וויגלידער. די מאַמע פאַרוויגט שוין ניט דעם קינד מיטן לידל „תורה איז די בעסטע סחורה״, נאָר אַנדערע טענער און אַנדערע ווערטער קלינגען אין איר וויגליד:

„שלאָף, מיין קינד, מיין קינד, מיין שיינער,
שלאָף מיין זונעניו,
אַ יונגער סיבירניק איז דער טאַטע דיינער,
שלאָף, ליו-ליו, ליו-ליו.

אַז דו, מיין קינד, וועסט עלטער ווערן,
וועסטו וועלן וויסן וואו דיין פאָטער איז פאַראַן,
דו זאָלסט צערייסן די אייזערנע קייטן,
דו זאָלסט נעמען ראַכע פון דעם טיראַן.

אַז דו, מיין קינד, וועסט עלטער ווערן
און דו וועסט זיין מיט לייטן גלייך,
דעמאָלט וועסטו געוואָר ווערן,
וואָס הייסט אָרים און וואָס הייסט רייך.

די טייערע פּאַלאַצן מיט די טייערע הייזער,
דאָס מאַכט אַלץ דער אָרימאַן,
און ווייסט ווער עס טוט אין זיי וואוינען?
אַלץ ניט ער, נאָר דער רייכער מאַן״.

(פון ש. לעהמאַנס זאַמלונג)

---

די שרעקלעכע וועלט-מלחמה האָט געבראַכט אַ גרויסן חורבן אין דעם לעבן פון די יידישע פאָלקסמאַסן. די אַלע אָנשיקענישן פון דער מלחמה: די מאָביליזאַציעס, אָקופּאַציעס, פּאָגראָמען, גרושים, צוואַנג-אַרבעט, הונגער, שרעק און אַלע איבעריקע צרות האָבן געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם אויף די פאָלקסמאַסן.



אַ סך איז אויסגעקומען אויסצושטיין, פיל האָט מען איבערגעלעבט. און די אַלע געפילן און איבערלעבענישן האָבן געקראָגן זייער אויסדרוק אין פאַרשיידענע שאַפונגען פון פאָלק, ווי לידער, לעגענדעס, ווערטלעך א. ד. ג. פאַראַן אַ פאָלקסווערטל: ווען זינגט דער ציגיינער?—בשעת ער איז הונגעריק. דאָס דאָזיקע ווערטל קען אָנגעווענדט ווערן צו דער יידישער פאָלקסשאַפונג אין דער צייט פון דער מלחמה. אין די שווערסטע מאָמענטן פון זיין לעבן האָט דאָס פאָלק געשאַפן, אויסגעגאָסן דאָס ביטערע האַרץ, אויסגעדריקט זיין קוק אויף די אַלע געשעענישן אין הונדערטער לידער, לעגענדעס און מעשיות.

פון דעם ערשטן טאָג אָן, ווי נאָר די מלחמה איז ערקלערט געוואָרן, האָבן זי פריער פאַר אַלעמען גלייך דערפילט די יידישע פאָלקסמאַסן. דער צוזאַמענשטויס צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד איז פאָרגעקומען אין די געביטן, וואָס זיינען געווען געדיכט באַזעצט מיט די יידישע מאַסן, אין דעם אַזוי-גערופענעם תחום-המושב. די דאָזיקע געגנטן האָבן דעריבער מער פאַר אַלע געליטן פון דער מלחמה. ניט נאָר די שטעטלעך, וואָס האָבן זיך געפונען האַרט ביים פראָנט (וועגן זיי איז שוין אָפּגערעדט, זיי זיינען חרוב און מוחרב געוואָרן), נאָר אַפילו די אַלע איבעריקע שטעט און שטעטלעך האָבן אויך דערשפירט דעם שרעקלעכן עקאָנאָמישן קריזיס.

דעם ערשטן טאָג פון דער מאָביליזאַציע
איז געוואָרן אַ טומל און אַ גרויס געוויין,
דעם צווייטן טאָג פון דער מאָביליזאַציע
זיינען אַלע געשעפטן געבליבן שטיין.

די ברייטע יידישע פאָלקסמאַסן האָבן זיך די ערשטע צייט ווייניק פונאַנדערגעקליבן אין די סיבות פון דער וועלט-מלחמה.

די בלוטיקע געשעענישן זיינען פאַר זיי ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן. אָבער שטאַרקער פאַר אַלעמען האָבן דאָס דערפילט די אַלע, וואָס האָבן אָפּטמאָל אין 24 שעה געדאַרפט איבעררייסן מיטן פריערדיקן אַרט לעבן און אַריין אין דעם גרויען געוואַנט, און פון קאַזאַרמע—גלייך אויף דער פּאָזיציע:

„אוי וויי צום פאָטער, אוי וויי צו דער מוטער,
וואָס האָבן אַ זון אַ זאַפּאַסנאָי,
מע טוט אים אָן סאָלדאַטסקע קליידער
און שיקן שיקט מען אים אַין באָי.

וואָס פון טאָג האָבן זיך גענומען אַרויסווייזן די שרעקלעכע גרוילן פון דער מלחמה, וואָס ווייטער האָט מען גענומען שיקן אַהין אַלץ מערער מענטשן. די מאַסע איז דערשלאָגן געוואָרן, מ׳האָט ניט געזען קיין אויסוועג. איין מיטל איז נאָר פאַרבליבן—דאָס איז געווען די טענה צום רבש״ע:

„גרויסער גאָט, אוי, גאָט אין הימל
וואָס האָסטו אָנגעשיקט אַזאַ מין שטראָף,
מע נעמט צונויף אַ וועלט מיט מענטשן
און מע טרייבט זיי ווי די שאָף״.

דער לעצטער זאַץ כאַראַקטעריזירט שוין אַ ביסל די באַציאונג פון דער מאַכט צו די פּשוטע גרויע יוונים. די אַזוי-גערופענע „פאַרטיידיקער פון פאָטערלאַנד״.

אין עטלעכע יידישע פאָלקסלידער ווערט די דאָזיקע באַציאונג שאַרף אונטערגעשטראָכן. ניט-געקוקט אויף דעם גרויסן פּאַטריאָטישן טאַראַראַם און האַרמידער, האָט מען דאָך פאַרן

סאָלדאַט ניט אָנגעהויבן צו זאָרגן און אַ סך פלעגט אויסקומען צו ליידן פון הונגער און פון שמוץ.

אין די קאַזאַרמעס זיינען מיר געזעסן,
ניט געטרונקען, ניט געגעסן...

איידער מיר זיינען צום פּאָזיציע געקומען —
דריי חדשים אין איין העמד...

---

צוגלייך מיטן אָנהייב פון דער מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן די אויסוואַנדערונג פון די יידישע פאָלקסמאַסן פון זייערע אַלטגעזעסענע היימען. ווייבאַלד אַז דער יידישער תחום איז געוואָרן דער קאַמפּפּלאַץ, האָט שוין די פרידלעכע באַפעלקערונג פון די שטעטלעך ניט געקאָנט פאַרבלייבן רואיק אויף די ערטער, חוץ דעם — אין די שטעטלעך ווייטער פון פראָנט, האָבן זיך קאָנצענטרירט גרויסע אַרמייען, די יידישע באַפעלקערונג פלעגט מעז כסדר טעראָריזירן און אָנטאָן די גרעסטע נגישות.

דער עולם האָט גענומען אַנטלויפן און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה אַנטרונענע, היימלאָזע — „בעזשענצעס". צווישן די אַלע אויכוואַנדערונגען איז שטאַרקער ווי אַלע געבליבן אַיינגעקריצט אין זכרון פון די יידישע מאַסן דער באַרימטער גרוש פון קאָוונע און אומגעגנט. די רוסישע צאַרישע רעגירונג האָט אויסגעלאָזט דעם גאַנצן כעס פאַר די אַלע מפּלות פון רוסישן חייל צו די יידן און צענדליקער טויזנטער נפשות זיינען אין אַ שיינעם טאָג פלוצלונג אומגליקלעך געוואָרן. די גרויסע צרות פון יענע צייטן האָבן די אַנטרונענע אויסגעדריקט אין אייניקע לידער.

פון דעם מין לידער האָט זיך אונז דערווייל אַיינגעגעבן צו פאַרצייכענען נאָר איינס — דאָס ליד באַרירט אַ צווייטע פּלאָג פון די אַנטרונענע, — די לאַגע פון די פאַריאָגטע און פאַרוואָגלטע איז געוועזן זייער אַ טרויעריקע. און דאָ מוז ווייטער אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז ניט־קוקנדיק אויף דעם גרויסן טומל פון די פאַרשיידענע יידישע הילפס־חברות האָט מען די „בעזשענצעס" זייער ווייניק געהאָלפן.

אָט ווי אַזוי עס שילדערט די לאַגע דאָס פאָלקסליד:

„אין קאָמיטעט נאָך די ברויט,
עס קומט אָן מיט דעם טויט...

אין קיך נאָך די זופּ,
עס הערט זיך — עס פעלט בולבע,
עס פעלט קרופּ,
אַזאַ מזל אויף זיי, וואָס פאַר אַ זופּ!

דאָרט האָט זיך אַיינגעטשעפּעט איינער
ווי אַ פּיאַווקע:
גיט מיר אַ ביסל אַ דאָבאַווקע,
דאָרט איז געוואָרן איינעם ניט.גוט.

ס'איז אַריבער דער ערשטער מלחמה־יאָר און די רוסישע חיילות האָבן געמוזט פאַרלאָזן אַ גאַנצע ריי גובערניעס פון יידישן תחום. און די געגנטן זיינען פאַרנומען געוואָרן פון די דייטשן.

און דאָ הייבט זיך אָן אַ נייע סדרה פון נייע שרעקלעכע ליידן. די דייטשע אָקופּאַציע וואַרט נאָך אויף איר היסטאָריקער. ווער עס האָט נאָר איבערגעלעבט דעם „ויהי בימי"... וועט שוין קיין חיבוט־הקבר ניט דאַרפן ליידן. אַפילו איצט, ווען מען נעמט זיך דערמאָנען יענע צייטן, קען מען זיך גאָר ניט פאָרשטעלן ווי האָט מען דאָס געקענט אַריבערטראָגן.

ניט דאָ איז דאָס אָרט געגנוי צו באַשרייבן די דאָזיקע צייטן. מיר ווילן נאָר באַטאָנען די מאָמענטן, וואָס ווערן אָנגערירט אין די פאַרעפּנטלעכטע פאָלקסלידער.

דאָס שרעקלעכסטע אין דער דייטשער אָקופּאַציע איז געוועזן דאָס, וואָס די אָקופּאַנטן האָבן געקוקט אויף דער אָרטיקער באַפעלקערונג ווי אויף שקלאַפן. ס'איז אַראָפּ די מענטשנווערדע, דער זעלנער האָט געמעגט טאָן מיט די אָרטיקע אַיינוואוינער, וואָס זיין האַרץ האָט געלוסט. די באַציאונג איז געוועזן ווי צו בהמות, מ'האָט געכאַפּט אינמיטן גאַס אויף דער אַרבעט, געטריבן מיט בייטשן, געשלאָגן מיט שטעקנס.

די לאַגע פון די צוואַנגאַרבעטער איז גאָר ניט צו באַשרייבן.

אָט ווי אַזוי דער צוואַנגאַרבעטער באַקלאָגט זיך אויף זיין ביטערן מזל:

„דאָרט אין ניישטאָט אין די באַראַקן,
דאָרט ליגט דער צוואַנג־אַרבעטער און וויינט,
צו זיין גרויסן אומגליק איז ניטאָ קיין גלייכן,
ווייל זיין האַרץ איז אין אים פאַרשטיינט.

ווי מע האָט אים פון זיין היים אַרויסגעטריבן,
און קיין ניישטאָט אין פלען געבראַכט,
צעבראָכן זיין האַרץ און זיינע געפילן,
און פון זיין קערפּער אַ סקעלעט געמאַכט".

אין זייערע באַריכטן וועגן די אויפטוען אין די אָקופּירטע געביטן האָבן זיך די דייטשן באַרימט, אַז זיי האָבן די דאָזיקע געביטן אויסגעבויט, דורכגעפירט שאָסייען, בריקן, באַנליניעס א. אַז. וו.

די אָרטיקע אַיינוואוינער ווייסן גאַנץ גוט, מיט וואָס פאַר אַ פּרייז זיי האָבן באַצאָלט פאַר דער דאָזיקער אויפבויאונג. די אַלע שאָסייען זיינען אויסגעלייגט מיט די ביינער פון די צוואַנגאַרבעטער.

דער צוואַנגאַרבעטער האָט אַזוי געזונגען:

„אויב די שטרעקע וועט פאַרטיק ווערן,
אויסזען וועט זי ווי אַ זיידן קלייד,
און מיר וועלן ליגן אין די בעטלעך קראַנקע,
און ראַנגלען וועלן מיר זיך מיטן טויט".

מיט פאַרביסענע ליפּן האָט דער אַרבעטער געקרעכצט אונטער דעם שווערן יאָך פון דעם פּרייסישן שטיוול, געקרעכצט און מיט טויטע קללות געשאָלטן דעם טיראַן:

„עמלקים איר טיראַנען,
וועלכע האָבן אונזער פרייהייט גערויבט,
פאַרניכט זאָל ווערן זייערע לענדער
און צעשמעטערט זאָל ווערן
זייער קייסערס קרוין".

---

צו פּרי איז נאָך ביי היינטיקן טאָג אונטערצופירן דעם סך־הכּל פון די אַלע פּלאָגן און קלאָגן, וואָס די יידישע פאָלקסמאַסן זיינען אויסגעשטאַנען פאַר די פינסטערע און ביטערע מלחמה־יאָרן. אַ געוויסע תּקופה איז שוין אָבער דורכגעמאַכט און די מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע מוזן שוין געזאַמלט ווערן. די פאָלקסשאַפונג וועט געוויס פאַרנעמען אַ בכבודיקן אָרט צווישן די מאַטעריאַלן פאַר

דער געשיכטע פון די מלחמה־יאָרן, די אויפגאַבע פון דער יידישער אינטעליגענץ באַשטייט דעריבער אין צונויפזאַמלען דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וואָס איז פאַר דער צייט געשאַפן געוואָרן. די אַרבעט איז אמת ניט קיין לייכטע. די קיבוצים זיינען צעוואָרפן און אָפגעריסן איינע פון די אַנדערע. יעדערער אויף זיין אָרט מוז אָבער טאָן אַלץ, וואָס ס'איז מעגלעך. אין ווילנע, אין דער אַלטער פאָלקסטימלעכער יידישער ווילנע, האָט אַלע מאָל געשלאָגן דער קוואַל פון דער יידישער פאָלקסשאַפונג. דאָ איז פאַר דער שרעקלעכער צייט פון דער מ'חמה אויך זייער אַ סך געשאַפן געוואָרן: ביי אונז זיינען שוין פאַרצייכנט אייניקע וואַריאַנטן פון דעם ליד וועגן די מאָביליזאַציעס, לידער פון צוואַנג־אַרבעט פאַר דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע א. אַנד. עס איז נאָך אָבער אַ טראָפּן אין ים. תיכף מוזן אָנגענומען ווערן אַלע מיטלען די גאַנצע פאָלקסשאַפונג צונויפצוזאַמלען.

---

דאָס פאָלקסליד איז איינער פון די פּאָפּולערסטע און אָנערקענטסטע צווייגן פון יידישן פאָלקלאָר. אויב בנוגע צו אייניקע צווייגן פון פאָלקלאָר מערקט מען נאָך עד־היום אַ געוויסן ביטול מצד דער יידישער אינטעליגענץ, קען מען דאָס אָבער ניט זאָגן בנוגע צו דער באַציאונג צום פאָלקסליד.

אַ גרויסע ראָלע שפּילט דאָ די מעלאָדיע. די נאָענטע טענער פון דער פאָלקסמעלאָדיע געפינען אַן אָפּקלאַנג ביי יעדערן אין האַרצן. מיט די פאָלקסלידער האָט מען זיך זייער פאַראינטערעסירט און מ'האָט זיי פאַר דער לעצטער צייט ענערגיש אָנגעהויבן צו זאַמלען. דעם זאַמלער פון די טעקסטן קומט צו הילף דער זאַמלער פון די מעלאָדיעס. ניט קוקנדיק אָבער אויף די אַלע באַמיאונגען האָט מען נאָך ביי היינטיקן טאָג צונויפגעזאַמלט נאָר אַ טייל פון דעם, וואָס ס'איז פונם פאָלק געשאַפן געוואָרן.

ביז איצט זיינען ערשינען פאָלגנדיקע זאַמלונגען פון פאָלקסלידער:

1) יידישע פאָלקסלידער אין רוסלאַנד, געזאַמלט און אַרויסגעגעבן אונטער דער רעדאַקציע און מיט אַ הקדמה פון ש. מ. גינזבורג און פּ. ש. מאַרעק.

צום סוף פון בוך איז בייגעלייגט אַן אָנווייזער פון די לידער־זאַמלונגען אין יידיש, וואָס געפינען זיך אינם אַזיאַטישן מוזיי פון דער קייזערלעכער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע, צונויפגעשטעלט פון ס. מ. ווינער.

דער שער און די הקדמה צום בוך זיינען געשריבן אין רוסיש, דער טעקסט פון די לידער מיט צווייערליי אותיות: יידישע און לאַטיינישע. קיין מעלאָדיעס צו די טעקסטן זיינען אין בוך ניט פאַראַן. אַרויסגעגעבן איז דאָס בוך פון דער רעדאַקציע „וואָסכאָד" אין פּעטערבורג אין יאָר 1901.

2) יידישע פאָלקסלידער מיט מעלאָדיעס אויס דעם פאָלקסמויל, געזאַמלט פון י. ל. כהן (2 בענד), אַרויסגעגעבן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ביבליאָטעק, ניו־יאָרק 1912. אין ביידע בענדער זייגען פאַראַן לידער.

3) יידישע פאָלקסלידער געזאַמלט פון נח פּרילוצקי. 1־טער באַנד—רעליגיעזע לידער (101). 2־טער באַנד—א) לידער און מעשהלעך פון טויט, ב) באַלאַדעס און לעגענדעס מיט און אָן אַ מוסר השכל (96), נייער פאַרלאַג, וואַרשע, תרע"ג.

4) פון פּורים־רעפּערטואַר — געזאַמלט פון נח פּרילוצקי, זאַמלביכער פאַר יידישן פולקלור, פילולוגיע און קולטורגעשיכטע, II ב. נייער פאַרלאַג. 1917

5) 60 פאָלקסלידער מיט נאָטן, געזאַמלט פון מ. קיפּניס, וואַרשע, פאַרלאַג פון א. גיטלין.

אין דערדאָזיקער זאַמלונג געפינט זיך אַ טייל פאָלקסלידער, וואָס איז שוין געדרוקט אין אַנדערע זאַמלונגען און אויך אייניקע פאָלקסמאָטיוון פון באַוואוסטע מחברים.

די דאָזיקע ווי אויך אייניקע אַנדערע זיינען אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן פון „קיפּניס־פאַרלאַג" איינציקווייז אויף באַזונדערע בויגנס פון גרויסן פאָרמאַט.

6) יידישע פאָלקסלידער געזאַמלט פון ל. ב—ן, חווה פּיין און ד. א—ן. „פּנקס" אונטער דער רעדאַקציע פון ש. ניגער, תרע"ג, פאַרלאַג פון ב. קלעצקין.

7) אַרבעט און פרייהייט—זאַמלונג פון לידער, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין פאָלק אין דער צייט פון דער פרייהייט־באַוועגונג אין צאַרישן רוסלאַנד, ווערטער און מעלאָדיעס געזאַמלט און דערקלערט פון שמואל לעהמאַן, וואַרשע, „פאָלקלאָר־ביבליאָטעק" 1921.

אייניקע יידישע פאָלקסלידער זיינען אויך געווען אָפּגעדרוקט אין „לעבן און וויסנשאַפט" ווילנע (1910) און אין די דייטשע אויסגאַבן "Mitteilungen" און "Am Urquell", ווי אויך אין זאַמלונגען, וואָס זיינען אונז ליידער ניט צוגענגלעך.

דער מאַטעריאַל, וואָס ווערט דאָ איצט פאַרעפנטלעכט, איז נאָך אין ערגעץ ניט געדרוקט געוועזן. דער מחבר פון דעם אַרטיקל האָט דורכגעקאָנטראָלירט די אַלע אָנגעוויזענע לידער־זאַמלונגען, און האָט אויסגעשלאָסן פון זיין זאַמלונג די אַלע לידער, וואָס זיינען שוין איין מאָל געדרוקט געווען*). געבליבן זיינען נאָר די וואַריאַנטן, ווייל יעדער וואַריאַנט איז זייער כאַראַקטעריסטיש. דער גרעסטער טייל פון דעם געגעבענעם מאַטעריאַל איז געזאַמלט געוואָרן פון דעם מחבר דירעקט פון פאָלקסמויל**) אין משך פון אַ יאָר צען אין ווילנע און אין די שטעטלעך פון ווילנער גובערניע. די איבעריקע לידער געהערן צום מאַטעריאַל פון דער ווילנער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אויפן נאָמען פון ש. אַנסקי. אין דער לעצטער זאַמלונג האָט אַ גרויסן אָנטייל גענומען דער סעקרעטאַר פון דער געזעלשאַפט, ה' חייקל לונסקי***).

דער גאַנצער מאַטעריאַל איז פאַרטיילט געוואָרן אין פאָלגנדיקע אָפּטיילונגען:

I) וויגלידער; II) קינדער לידער: א) שפּילן, ב) ציילענישן, ג) צונעמענישן, שפּאַס און שפּאָט־לידער, ד) פאַרשיידענע קינדער־לידלעך; III) לידער פון חדר און פון דער ישיבה, IV) ליבע־לידער; V) באַלאַנדנאַרטיקע לידער (אומטרייע און אומגליקלעכע ליבע א. א.), VI) חתן־כלה און חתונה־לידער, VII) פאַמיליענלידער; VIII) פּריזיוו און סאָלדאַטן־לידער; IX) היסטאָרישע לידער; X) אַרבעטער־לידער; XI) יום־טוב־לידער; XII) רעליגיעז־נאַציאָנאַלע און חסידישע לידער; XIII) פּאַראָדיעס און פאָלקס־הומאָרעסקעס; XIV) סאַטירישע לידער; XV) יידישע לידער אין אַנדערע שפּראַכן; XVI) מלחמה־לידער; XVII) פאַרשיידענע לידער.

די פאָרגעלייגטע אַרבעט אונזערע איז שוין די צווייטע אויפגעביט פון זאַמלען די מאַטעריאַלן פון יידישן פאָלקלאָר****)

---

*) צוליב אַ פאַרזען איז צום באַדויערן פאַרבליבן דאָס ליד פון קיפּניסעס רעפּערטואַר „אַ חברטע", ווי אויך דאָס ליד „קאַרמאַניאָל", וואָס איז ש. אַנסקיס אַן איבערזעצונג פון דעם באַקאַנטן רעוואָלוציאָנערן ליד.

**) די דאָזיקע לידער זיינען באַצייכנט מיט איין שטערנדל (*).

***) מיט צוויי שטערנדלעך זיינען אָנגעוויזן די לידער, וואָס זיינען געזאַמלט געוואָרן ביי דער ליטעראַרישער סעקציע פון ערשטן יידישן קינדערקלוב דורך עמינדב מאַרגאָלין; מיט דריי שטערנדלעך — די זאַמלונגען פון ה' יצחק ברוידעס, מיט פיר שטערנדלעך — די זאַמלונגען פון ח. לונסקי, און מיט פינף שטערנדלעך אייניקע לידער, געזאַמלט פון ע. מאַרגאָלין.

****) זע: 1) יידישע פאָלקסרעטענישן, געזאַמלט און דערקלערט פון ש. באַסטאָמסקי, ווילנע 1919, פאַרלאַג „די נייע יידישע פאָלקסשול", 3־טע אויפלאַגע מיט אַ ביילאַגע פון ש. אַנסקיס רעצענזיע.

2) „ביים קוואַל"—יידישע שפּריכווערטער, ווערטלעך, גלייכווערטלעך, רעדנסאַרטן, פאַרגלייכענישן, ברכות, ווינטשענישן, קללות, חרמות, סימנים, סגולות און זאַבאָבאָנעס א. א., געזאַמלט און דערקלערט פון ש. באַסטאָמסקי, רעדאַקטיר פון ז. רייזען.

דער זאַמלער האָט זיך ספּעציעל פאַרנומען מיט אַנדערע צווייגן פון דעם יידישן פאָלקלאָר. ער האָט אָבער ניט געקאָנט אויסמיידן דעם וויכטיקן צווייג פון דעם יידישן פאָלקסליד און צו דעם אויך, ווי מע זאָגט, „צוגעלייגט אַ האַנט". אין דער אַרבעט זיינען געוויס געמאַכט געוואָרן טעותן. שוין דאָס אַליין, וואָס די טעקסט פון די לידער אין דער זאַמלונג (אַזוי ווי, צום באַדויערן, אויך אין דעם גרעסטן טייל פון די איבעריקע זאַמלונגען) איז פאַרצייכנט געוואָרן ניט אין דער אויסשפּראַך פון זינגער, נאָר אין דער אַלגעמיין אָנגענומענער ליטעראַרישער שפּראַך,—אַנערקענט דער זאַמלער אַליין פאַר אַ גרויסן פעלער*), עס פעלן אויך די מעלאָדיעס צו די לידער. דער קענער פון דער זאַך וועט געוויס נאָך פעלערן געפינען. דער זאַמלער וועט זייער דאַנקבאַר זיין, ווען די אַלע פעלערן וועלן אָנגעוויזן ווערן. דער ציל פון דעם זאַמלער איז געווען אַ גאַנץ באַשיידענער—פאַרצייכענען כאָטש וויפיל ניט איז פון די פאָלקס־לידער און וואַריאַנטן, וואָס זיינען נאָך עד־היום ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן, און מיט דעם ווירקן אויף אַנדערע, זיי זאָלן די אַרבעט פאָרזעצן. וועגן דער וויכטיקייט פון דער אַרבעט דאַרף מען קיין סך ניט ריידן. די יידישע פאָלקסאינטעליגענץ און דערהויפּט די יידישע לערערשאַפט מוז זיך תּיכּף נעמען צו דער דאָזיקער אַרבעט. קיין איינציקע פאָלקסשאַפונג זאָל ניט פאַרלאָרנגיין. עס מוז וואָס גיכער צונויפגעזאַמלט ווערן דאָס גאָלדענע בוך פון דער יידישער פאָלקסשאַפונג.

ש. באַסטאָמסקי.

---

בײלאַגע.

# כללים

ווי אַזוי צו פאַרשרייבן ווערק פון פאָלקסשאַפונג**).

1) איידער מען הייבט אָן צו פאַרשרייבן, דאַרף דער פאַרשרייבער פאַרצייכענען זיין אייגענעם נאָמען, פאַמיליע, עלטער, באַשעפטיקונג, געבורטס־אָרט, אָרט וואו עס ווערט פאַרשריבן, דאַטע.

2) ביי יעדער פאַרשריבענער זאַך מוז פאַרצייכנט ווערן, פון וועמען עס איז פאַרשריבן: נאָמען, פאַמיליע, עלטער, באַשעפטיקונג, געבורטס־און וואוינאָרט.

3) עס איז באַגעריק, אַז יעדע זאַך (מעשה, ליד, וויץ וכדומה) זאָל פאַרשריבן ווערן אויף אַ באַזונדער זייטל. שרייבן דאַרף מען נאָר אויף איין זייט מיט אַ קלאָרן לעזבאַרן כּתב.

4) איידער מ'פאַרשרייבט, דאַרף מען זיך איבערצייגן, אַז דער דערציילער קלייבט זיך ניט דערציילן אַ זאַך, וואָס ער האָט געלעזן.

5) פאַרשרייבן מוז מען פונקט און בוכשטעבלעך ווי עס ווערט דערציילט. אויב דער דערציילער טראָגט אַריין אומנוצלעכע ווערטער, חזרט איבער צוויי מאָל איין וואָרט, שטעלט אַריין באַמערקונגען, דאַרף עס אַלץ פאַרשריבן ווערן בוכשטעבלעך.

6) בשעתן פאַרשרייבן טאָר מען דעם דערציילער קיין פראַגן ניט שטעלן, ניט אויפּווייזן אים, ניט פאַרריכטן זיינע טעותן. נאָר נאָך דעם ענדיקן פאַרשרייבן קען מען ביי אים פרעגן און צושרייבן זיין ענטפער ווי אַ באַמערקונג.

*) זע די ביילאַגע צו דער זאַמלונג — כּללים ווי אַזוי צו פאַרשרייבן ווערק פון פאָלקסשאַפונג פון ש. אַנסקי.

**) צונויפגעשטעלט פון ש. אַנסקין פאַר דער היסטאָריש-עטנאָגראַפישער קאָמיסיע.



7) ניט פאַרשטענדלעכע אָדער אָרטיקע ווערטער און אויסדריקן דאַרפן פאַרשריבן ווערן בוכשטעבלעך און נאָך דעם דערציילן דאַרף מען פרעגן, וואָס זיי באַדייטן און פאַרצייכענען ווי אַ באַמערקונג.

8) עס דאַרף פאַרשריבן ווערן יעדער וואָרט אָקוראַט, ווי דער דערציילער רעדט אים אַרויס. דהיינו: אין איין אָרט זאָגט מען: דאָס, וואָס, טאַטע, מאַמע, ליכט. אין אַן אַנדער אָרט: דוּאָס, וואוּעס, טאָטע, מאָמע, לעכט. עס דאַרף אָפּגעהיט ווערן שטרענג דער אויסרייד (די אויסשפּראַך).

9) מען דאַרף זיך ניט אָפּשטעלן פון צו פאַרשרייבן די גראָבסטע, ציניש ווערטער און אויסדריקן, פאַר עטנאָגראַפיע איז ניטאָ קיין ציניזם און גראָבהייט.

10) עס איז באַגעריק, אַז בשעתן פאַרשרייבן פון מעשיות און לעגענדעס זאָלן זיך אין חדר וואו עס קומט פאָר דער פאַרשרייבן, געפינען נאָר דער דערציילער און פאַרשרייבער. איין אויסנאַם דאַרף געמאַכט ווערן, ווען דער דערציילער איז מער באַלעבאָס, אַז ער האָט פאַר זיך מער צוהערער. אין דעם פאַל דאַרף זיין שטרענג פאַרבאָטן די צוהערער אַריינמישן זיך, איבעררייסן די דערציילונג מיט פראַגן, פאַרריכטונגען וכדומה.

11) לידער און ניגונים איז באַגעריקער צו פאַרשרייבן אין אַ גרעסערער סביבה, וואו איינער קען דערמאָנען דעם אַנדערן נייע זאַכן.

12) אַ מעשה אָדער אַ לעגענדע האָט אַ פּיל קלענערן ווערט, ווען זי ווערט פאַרשריבן פון דעם דערציילער גופא, איידער זי ווערט פאַרשריבן פון אַ צווייטן לויט זיין דערציילן. ביים דערציילן זיינען דאָ אויסדריקן, וועלכע ווערן אויסגעמיידט אין שרייבן. דרום, ווען עס איז נאָר מעגלעך צו פאַרשרייבן פון אַן אויסוויניקסטן דערציילן דאַרף מען ניט דערלויבן דעם דערציילער פאַרשרייבן זיין דערציילונג.

13) בשום אופן דאַרף מען ניט דערלויבן דעם דערציילער פריער דערציילן די מעשה נאָר צום הערן און נאָכדעם איבערחזרן עס צום פאַרשרייבן. בשעתן איבערחזרן ווערט די דערציילונג פאַרקירצט און אין איר חזרן זיך ניט איבער די כאַראַקטעריסטישע ווערטער און אויסדריקן, וועלכע האָבן דעם גרעסטן ווערט אין דער פאָלקסשאַפונג.

14) זאַכן, וועלכע האָבן אַ באַשטימטן אומגעענדערטן נוסח (לידער, שפּריכווערטער, פאַרשפּרעכעניש) קענען פאַרשריבן ווערן פון דעם מאַטעריאַל־געבער אַליין, נאָר ער זאָל שרייבן, אַקוראַט ווי ער רעדט זיי אַרויס.

15) פאַר היסטאָרישע מאַטעריאַלן, אין וועלכע דער הויפּט־ווערט איז ניט די פאָרם, נאָר דער פּראַקטישער אינהאַלט, זיינען ניט וויכטיק די כּללים פון § 5, 6, 8, 10, 12 און 13. ביים פאַרשרייבן ערינערונגען, ביאָגראַפיעס, היסטאָרישע פאַקטן איז, פאַרקערט, נייטיק שטעלן פראַגן, איבערהויפּט וועגן נעמען, מענטשן און ערטער, וועגן דאַטן און דאָסגלייכן, אָבער קיין אונטערזאָגונגען, וועלכע קענען צעמישן דעם זכּרון פון דערציילער, דאַרפן ניט געמאַכט ווערן.

16) אַלע מאַטעריאַלן דאַרפן איבערגעגעבן ווערן דעם סעקרעטאַר פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער קאָמיסיע און טאָרן ניט פאַרעפנטלעכט אָדער אַנדערש אויסגענוצט ווערן פון דעם פאַרשרייבער אָדער אַ פּריוואַטער פּערזאָן אָן דער דערלויבעניש פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער קאָמיסיע.

17) דער סעקרעטאַר נומערירט די מאַטעריאַלן און טראָגט אַריין אין אַ בוך דעם נומער און כאַראַקטער פון דער זאַך, לויט דער אַפּטיילונג, צו וועלכער עס געהערט.

# יידישע פאלקסלידער.

## I. וויגלידער.

1**
אונטער גאלדעלעס וויגעלע
שטייט א ווייסע ציגעלע,—
די ציגעלע איז געפארן האנדלען
ראזינקעס מיט מאנדלען.

ראזינקעס מיט מאנדלען
איז זייער זיס.
גאלדעלע וועט זיין
געזונט און פריש.

ראזינקעס מיט מאנדלען
איז די בעסטע סחורה,
גאלדעלעס חתן וועט זיצן
און לערנען תורה.

תורה צוה מורשה,
גאלדעלעס חתן וועט דרשענען א דרשה,
א דרשה, א דרשה איז וואויל געיאכט,
גאלדעלעס חתן וועט לערנען סיי
טאג, סיי נאכט.

וואר. ג. מ.—60, 61, 62.

וואר.— 2**
אונטער גאלדעלעס בעטעלע,
וואקסט א גרינינקע בלעטעלע,
גרינינקע וועלדל,
גאלדעלעס טאטע וועט קומען באלד.

אונטער גאלדעלעס בעטעלע
וואקסט א גרינינקע בלעטעלע,
ווער עס וועט די בלעטעלע אפרייסן,
יענעם וועט מען אפשמייסן.
יענקעלע האט די בלעטעלע אפגעריסן,
יענקעלען האט מען אפגעשמיסן.

3***
אי לי ליו, ליו ליו לי,
טאטע נישטא הי,
וואו איז טאטע געפארן?
קיין סטרי.

וואס וועט טאטע קויפן?
א קעלבעלע מיט א קי,
ווער וועט זי מעלקן?
איך און די.

4*
שלאף זשע, מיין קינד, אין דיין
דרעמעלע
ביז דעם העלן טאג,
און לעבן דיין עלנט וויגעלע
שטייט דיין מאמע און קלאגט.

די קלאגט, וואס זי האט דיך געבוירן
אויף צרות, אויף ליידן און שמארץ,
בשעת איך האב דיין פאטער פארלוירן
בינסטו נאך געלעגן אונטער מיין
הארץ.

קיין פאטער, מיין פייגעלע, האסטו ניט,
ער האט דיר ניט דערלעבט צו זען,
בשעת איך האב דיר געבוירן
איז דיין פאטער אויף דער וועלט
ניט געווען.

איבערן ווייטן ים וועסטו שווימען,
די וועלן וועלן דיר טראגן,
צו א ברעג וועסטו צוקומען
און וועסט זיך ניט קענען דערשלאגן.

איבערן ווייטן ים וועסטו שווימען,
שווער וועט דיר אנקומען דיין ברויט,
וויפיל טרערן דו וועסט פארגיסן,
וועסטו זיך דערמאנען, אז דיין
פאטער איז טויט.

וואר.— 5*
(א טראגעדיע-ליד מיט דער אלמנה).
פארשליס שוין די אייגעלעך, מיין קינד,
נעם מיר מיין חיות ניט ארויס,
פון דיין אומגליק ווייסטו ניט אצינד.
כאטש איך זאג דיר דאס שטענדיק אויס.

אך, באשיצן זאל דיר דער שלאף מיט
זיין פליגל,
ביסקן דעם העלן טאג,
איבער דיין עלנטן וויגל
זיך איך דיין מוטער און קלאג.

איך קלאג וואס איך האב דיר געבארן
אויף צרות, אויף עלנט, אויף שמערץ,
אוי, ווען איך האב דיין פאטער פאר-
לארן,
ביסטו מיר נאך געלעגן אונטערן הערץ.

אוי, קיין פאטער, מיין קינד, האסטו
ניט,
ער האט ניט דערלעבט דיר צו זען,
ווען דו ביסט ארויס מיט מיין בלוט,
אוי, איז ער שוין ביי אונז ניט געווען.

טא ווין זשע מיין קינד ניט און דרעמל
ווייל דו ביסט נאך יעצט קליין,
שפעטער וועסטו עלטער ווערן,
וועסטו שוין דיין אומגליק פארשטיין.

פון קיין נחת, מיין קינד, וועסטו ניט
וויסן,
דען מיט מי וועסטו פארדינען דיין
ברויט,
מיט בלוט וועסטו דיין הערץ פארגיסן,
אוי, אז דיין פאטער, דיין פאטער איז
טויט...

## II. קינדער-לידער.

### א) שפילן.

1*
קארע ראד, קארע ראד,
עפנט אויף דעם טויער!
ווער פארט? ווער פארט?
דער קייסער מיט דער קייסערינע!
אויבן אן
שטייט א האן
אין ווייסע לאפטשעס
אנגעטאן.

וואר. ג. מ. 85.

י. פערעלמאן.
(הארודיי, מינסקער גוב.)

2**
רינגעלע, ראנגעלע, ראזנקראנץ,
שפיל מיר אויף דער געטע,
ווען די געטע קלינגען אן
טיזן טאזן זיבן מאל.
גאלדעלע האט זיך אומגעקערט,
אזוי האט איר א קראנץ באשערט.

3*
אדער רינע ראנע,
זיס ווי די פאנע,
זיבן מאל ארום,
מיין, ליבער חיים
קער זיך אום.

וואר. ג. מ. 86.

4*
אהרן, גיב בארן,
שאסערן, גיב אשרן
וואוהין צו שיסן,
אהין צי אהער,
גיב זיך א קער.

5*
### קאטער פלאטער.

פון דער גאנצער גרופע קינדער, וואס נעמען אן אנטייל אין שפיל, ווערן אויסגעקליבן דורך א ציילעניש צוויי: איינער—אן עלטערער און א צווייטער—„קאטער פלאטער" (ענלעך צום טרייפניאק פון אן אנדער שפיל). די קינדער זעצן זיך אויס אין איין שורה און האלטן אויסגעשטרעקט די פארמאכטע הויפנס. דער עלטערער האלט א שטיינדל אין האנט, ער גייט פון חבר צו חבר און לאזט איבער ביי אימיצן פון זיי דעם שטיינדל. קאטער פלאטער „פארקוקט" זיך. א: דער עלטערער גייט פאקבײ אלע קינדער, רופט ער צו דעם „קאטער פלאטער" און פרעגט ביי אים:

קאטער פלאטער,
טרעף ביי וועמען איז דאס,
צי ביי מיר,
צי ביי דיר,
צי ביים גלח
הינטערן טיר?

„קאטער פלאטער", קוקט זיך צו צו די קינדער און דארף נאכן פנים דערקענען, ביי וועמען דאס שטיינדל געפינט זיך. אויב ער טרעפט, גייט איבער דער „געפאנגענער" צו אים, אויב ניט, גיט קאטער פלאטער א פאנג. אז אלע קינדער גייען אריבער צו „קאטער פלאטער", ווערט ער אן עלטערער.

(דעווענישאק, ווילנער גוב.)

6**
— קאמער קאמער קאמערהויז,
קום אריין צו מיר אין הויז!
— אוואו ברענט?
— אין יענעם הויז,
— לויפט לעשן!

7*
— וואו פארקויפט מען בייגעלעך?
— אן דארטן!

8*
### א קינדערשפיל
(פאר מיידלעך)
(פארצייכנט אין מערעטש
ווילנער גוב. 1912).

מאדאם—ס'איז געקומען א מאדאם פון שווימענלאנד!
אלע—אדיע! אדיע! אדיע!
איינע—וואס דארפט איר, מאדאם פון שווימענלאנד?
אלע—אדיע! אדיע! אדיע!
מאדאם—די ערשטע טאכטער וואלט איך וועלן!
אלע—אדיע! אדיע! אדיע!
איינע—די ערשטע טאכטער קען איך אייך ניט געבן!
אלע—אדיע! אדיע! אדיע!
מאדאם—ברעך איך אויס די שויבן!
אלע—אדיע! אדיע! אדיע!
איינע—מאך איך צו די לאדן!
אלע—אדיע! אדיע! אדיע!

די שפיל קומט פאר אויף אזא אופן: א סך מיידלעך שטעלן זיך אויס אין א האלבער ראד, איינע, די „מאדאם" שטייט ביים וואנט. זינגענדיק „ס'איז געקומען א מאדאם פון שווימענלאנד"... גייט די מאדאם צו צו די טעכטער. די טעכטער דארפן זיך היטן, די מאדאם זאל זיי ניט אנרירן. ביי די ווערטער—„די ערשטע טאכטער וואלט איך וועלן"... פרובט די מאדאם צוגיין גאר נאענט, נאר אלע זאגן איר דאן אדיע! אדיע! אדיע! און נייגן זיך, לאכן פון איר און טרעטן אפ אויף עטלעכע טריט אהינטער. אויב ס'גיט זיך דער מאדאם איין אנצוכאפן א מיידל, הייבט זיך די שפיל אן פון דאסניי.
דאן זאגט די מאדאם—די צווייטע, דריטע טאכטער א. א. וו. אזוי כאפט די מאדאם אויס אלע טעכטער און די איינע, וואס פלעגט איר ענטפערן, פארנעמט איר ארט.

9*
### „געגנזעלעך"
(א קינדערשפיל)
(פארצייכנט אין דעווענישאק
ווילנער גוב. 1912).

—אויף וואס גראבסטו א גריבעלע?
—צו שטעלן א דרייפוס!
—וואס וועסטו שטעלן אויפן דרייפוס?
—א טעפעלע!
—וואס וועסטו לייגן אין טעפעלע?
—געגנזעלעך!
—וואו וועסטו נעמען?
—ביים גלח!
—דער גלח וועט ניט געבן!
(וואר.—איך וועל אויסזאגן!..)

—דאָן נעם איך ביי דיר!
—נעם!.. (וואַר.—קענסטו מענסטו!)

דער דיאַלאָג קומט פֿאַר צווישן צוויי קינדער, איינער האַלט הינטער זיך „גענזעלעך" (די קינדער, וואָס האַלטן זיך איינער הינטער דעם אַנדערן), דער צווייטער גראַבט א גריבעלע. נאָכן דיאַלאָג גיט זיך דער צווייטער א לאָז און פּרובט כאַפּן מיט גוואַלד די „גענזעלעך". וועלכע גענזעלע ער כאַפּט אָן, די גייט אריבער צו אים.

10*

— יינגעלע, וואו שטייסטו?
— אויף א באַנק
— יינגעלע, וואָס טרינקסטו?
— א זיס געטראַנק
— יינגעלע, וואָס עסטו?
— א בײגעלע.
— יינגעלע, סאַ כאַפּ זשע
— א פייגעלע!

11**

— אוואו שטייסטו?
— אויף א טון
— וואָס איז אין טון?
— עפּעלעך
— וואָסטו פאַרלאָרן?
— אַן עפּעלע
— אויף וועלכער גאַס?
— אויף דייטשישע
— גיי זוך.

12**

— א שפּעסעלע, פּאַרקויפן,
— ווי טייער?
— א דרייער
— ווי דער מקח?
— א שטיקל לעקעך
— ווי שאַך?
— א פאַטש
— א נוס?
— א קוש.

13*

**שפּעסעלעך.**

פון דער גאַנצער גרופּע קינדער, וואָס נעמען אָן אָנטייל אין שפּיל, טײלט מען אויס דורך א ציילעניש דרייען: א באַלעבאָס, א שומר און א גנב.

דער גנב ליגט באַהאַלטן.

דער באַלעבאָס דאַרף אוועקגיין. פאַרן אוועקגיין ציילט ער אויס די שפּעסעלעך און גיט זיי איבער דעם שומר:

א, ב, ג. . . . א. אז. וו.

14**

סינטאַלער,
אַך, געשווינטער,
אַך, מיין קינד,
צי ביסטו בלינד,
צי ווייסט ניט אוואו,
דער טאַלער ליגט?
קאַץ, קאַץ, קום עסן קאַלטע לאָקשן.

15*

**די שפּיל פון שטאָק.**

די שפּיל פון שטאָק איז זייער שיין, ווער נאָר איר פאַרשטייט . . . .
. . . . . . . . . .

16**

— הק"ב איז באַקאַנט
אויף וועמעס האַנט האַלט איך?
— אויף רחלס
— ניין, ניין, אויף חנהלעס האַנט.
הק"ב איז באַקאַנט,
אויף וועמעס האַנט האַלט איך?
— אויף יענקעלעס
— יע, יע אויף יענקעלעס האַנט.

17**

(שפּיל אויף די פינגער).
ראַטאַי ראַטאַי
באַלדראַמאַי,
אין וועמעס האַנט פאַלט אריין
ראַטאַי.

18**

(ביים שפּילן אין צייכן)
קיץ,
פריץ,
פאַל חלק
אָדער קער.

19**

סאָראָקאַ וואָראָנאַ
פּיפּאַ קאַשאַ וואַרילאַ,
נאַ פּריפּעטשיק שטודילאַ,
דעטיי קאָרמילאַ.
טעמו דאַלאַ (4 מאָל)
מאַלענקאָמו ניע דאַלאַ,
טי כאַל,
טי קרופּי ניע דראַל,
טי דראַווא ניע שולקאַל,
טי וואָדי ניע נאָסיל,
טוט פּיען,
טוט קאָלאָדאַ,
טוט גראַניצאַ,
טוט כאָלאָדניקאַ וואָדיצאַ.

20*

סאָראָקאַ וואָראָנאַ
קאַשקאַ וואַרילאַ,
נאַ פּריפּעטשאָק נאַסטאַווילאַ,
טעמו דאַלאַ, טעמו דאַלאַ,
אי זאַ סעבע נע דאָסטאַלאַ
כאָדזי באַבאַ זאַ יאַיצאַ
אי נאַלאָזאַ פּטיצאַ,
דיק, דיק, דיק!

וואַר. ל. ב—ן 23 „פּנקס" מערעטש 1913.

21**

סאַ איין קאָפּ,
סאַ צוויי קאָפּ,
סאַ דריי קאָפּ,
סאַ פיר קאָפּ,
סאַ פינף קאָפּ,
סאַ זעקס קאָפּ,
סאַ זיבן קאָפּ,
סאַ אכט קאָפּ,
סאַ ניין קאָפּ,
סאַ צען קאָפּ,
סאַ עלף קאָפּ,
סאַ צוועלף קאָפּ,
סאַ דרייצן קאָפּ,
סאַ פּערדישע קאָפּ.

22

— דערציילן דיר א מעשה מיט א ווייסן אָקס?
— יע
— איך זאָג יע, דו זאָגסט יע און אלע זאָגן יע.
— דערציילן דיר א מעשה מיט א ווייסן אָקס?
— ניין.
— איך זאָג ניין, דו זאָגסט ניין, און אלע זאָגן ניין.
— דערציילן דיר א מעשה מיט א ווייסן אָקס?
א. אז. וו.

---

## ב) ציילענישן.

1*

(די נעמען פון די פינף פינגער).
גוי,
פּלוי,
מיטלמעסער,
האָניקפּרעסער,
זוציקל—
אין הימל אריין!

2*

איינס, צוויי,
דריי, פיר,
פינף, זעקס,
זיבן, אכט,
ניין, צען,
עלף, צוועלף,
גאָס העלף.

3*

איינס, צוויי, דריי
לודאַ, לודאַ, לי,
ענעס, בענעס,
הענטלעך, פענעס,
גאָפּל, מעסער,
עמער, פעסער,
ס'ליד איז אויס,
איינער גייט ארויס.

„פריינד" נומ. 99 וו. זעניעס „מאָטעלעס ל"ג בעומר".

4*

איינס, צוויי—
פּאָליציי,
דריי, פיר—
אָפיציר.
פינף, זעקס—
אלטע עקס,
זיבן, אכט—
א גוטע נאַכט.
ניין, צען—
שלאָפן קען.
עלף, צוועלף—
שלאָף מיט וועלף,
דרייצן, פערצן—
בלויע סערצן (?)

וואַר.—„פּנקס" ל. ב—ן—27.

5**

איינס, צוויי, דריי, פיר
ביי דעם מלך אין טיר,
ביי דעם גאָלדשמיד אין פענסטער
שטייען א פּאָר טויבן,
אין די רויטע (ווייסע) הויבן
פענדאָס לויפן זיי,
פּאָסט פּאַפּיר קויפן זיי,
בריוועלעך שרייבן זיי,
שוועבעלעך רייבן זיי,
ליכטעלעך צינדן זיי,
אין חלשות בלייבן זיי.

6**

איינס, צוויי, דריי
אָדער לידער ליי,
אָקום באָקום,
בענדזשיק לאָקום,
ציגעלע, מיגעלע פּוקס,
אַבראַמל האָט געהאַט דריי ווייבער,
איינע פעשע,
די אנדערע גנעשע,
די דריטע חנה,
געמאָלטע פאָנע,
לאָקשן ברעט,
חלה קנעט,
מיידל ציר,
חופּה פיר,
אור, אור, אור,
סקאָצל קומט
די שנור,
שפּיגלען ארום וואַנט,
די שווייגער געבליבן אָן א האַנט.

7**

איין קאַטלער באַטלער האָט געהאַט 12 קעסטלעך צו באַשלאָגן, האָט ער ניט געוואוסט וויפיל נעגל אריינצושלאָגן, האָט ער געציילט ניט איינס, ניט צוויי, ניט דריי, ניט פיר, ניט פינף, ניט זעקס, ניט זיבן, ניט אכט, ניט ניין, ניט צען, ניט עלף, ניט צוועלף, האָט ער באַגעגנט א פּאָר וועלף, האָט ער געפרעגט ווי פרי איז דער זייגער? האָבן זיי אים געזאָגט—„פונקט האַלב צוועלף".

8*

ען, דען, די,
א שאַוועלע קאַטי,
א שאַוועלע, קאַטי, קאַטאַ,
איילע, ביילע, באַם.

9**

ען, דע, טרוא, קאַטער,
מאַרמאַזעל איוויד די וואַטער,
מאַרמאַזעל איוויד די וואו
אין האַז ביסטו.
(ווילנע)

10

איינדל, ביינדל,
טופּאַ, ציינדל,
אַשער, באַשער,
גאַלע, שוואַרצע,
ווער דיין חתע,
גיי אָן ערשטע טאַנצן.

11*

ענידע, פּענידע,
צונידע, מע,
אַבול, פּראַבול,
דאָמינע איקע.
איקע, פּיקע,
גראַמאַטיקע,
איינס, קליינס,
זיין ס'טו.

12*

איך בין אין גאָרטן געגאַנגען,
וויפיל טויבן האָב איך געפאַנגען?
ניט איינס, ניט צוויי, ניט דריי. .
. . . . . . . . . . .
ניט צוועלף, ניט דרייצן.
דו ביי קלייב בייטשן,
דו ביי קלייב קאָרן,
דו זיי אויף לאַנגע יאָרן!
(וואר.—דו ביי אין אַלע שוואַרציאָרן).

13**

שפּאַן איין, שפּאַן איין,
די פערד אין וואָגן,
שוין צייט שוין צייט
די מתנות טראָגן.
— ביילע, ביילע,
גרייט צום טיש,
— וואָס וועלן מיר עסן?
— הון מיט פיש.
— וואָס וועלן מיר טרינקען?
— מעד און וויין,
וועלן מיר אַלע געזונט זיין.
גייט די כּלה
צאַפּן ביר,
פאַלט זי אַרונטער
אונטערן טיר,
פרעגט דער חתן
וואָס איז דיר,
ענטפערט זי,
אַ ריך אין דיר.

א. לאַוואַרישעק
ווילנע 1920.

14*

דאָרטן, דאָרטן,
ביי המנען אין גאָרטן
זיצט מיין ברודער
און שפּילט אין קאָרטן.
איינס, צוויי, דריי,
אָדער לידער ליי,
אָקן, פּאָקן,
ביידע גלאָקן.
צירל, פּערל,
יוקס אַרויס,
קומט די פויגל,
גיט אַ פּיק,
לויפט אַוועק
אין יאַנישיק.

וואר.—„פּנקס“ ל. ב—ן 19.

15*

והוא רחום יכפר עון
ולא ישחית והרבה להשיב אפו
ולא יעיר כל חמתו.
אבקע דאַ ריבקאַ,
יאָסקע דאַ פּיפּקאַ,
סענדער קאָמענדער,
פוקס אַרויס.

וואר. „פּנקס“ 14.

16*

שטייען מלאכים אונטער די בערג,
זעען זיי הימל און ערד.
הימל און ערד ניט אויפצוהייבן,
האַלט די תורה גאַנץ דערהייבן
לאָמיר ריידן (לויבן?) נאָך אַמאָל:
שם אלהי איז אונזער גאָט,
אויפן הימל פייער פיל,
יעדער מלאך מיט זיין שפּיל,
שפּילן, טאַנצן, לויבן גאָט,
גאָט האָט פאַרבאָטן אַ שיינעם געבאָט.

וואר.— 17**

שטייען די ישראל אונטער די בערג:
זעען זיי הימל און ערד,
אויפן הימל פייער פיל,
יעדער מלאך האָט זיין שפּיל,
שפּילן, טאַנצן, לויבן גאָט,
גאָט ט'געבאָטן צען געבאָט,
נשמת כּל חי איז זייער פיין,
די הייליקע תּוחה מקבל זיין.

18*

חיים, חיים, הער און זע—
קומט די ציגעלע מאַכט מע
קומט דער זיידע רויכערט ליולקעס,
קומט די באָבע באַקט בולקעס,
קומט דער האָן טוט אַ קריי.
קומט די הון—לייגט אַן איי.
איינס, צוויי, דריי,
דו ביסט פריי.

19**

אַמאָל בין איך געפאָרן
אויף ניט הי,
האָב איך געקויפט
אַ פּאָר קי,
ווער האָט געמאָלקן?
איך און ער,
שוויגער און שווער
יענקל דער הויכער, פידל קאַץ,
פידל מויז
פריי ביסטו אַרויס.

יצחק רובינשטיין
ווילנע.

20

פישעלעך אין וואַסער מערן זיך,
פאַלשע צינגער שווערן זיך,
אַז מע וויל עסן, עסט מען ברויט,
אַז מע שטאַרבט, איז מען טויט.
אַז מע וויל טרינקען, טרינקט מען ביר
שיינע מיידעלע (יינגעלע) קום צו מיר.

א. בולקין.

21*

אונע, דונע,
קוויצע, צונע,
פאָרט אַ וואָגן
נאָכצויאָגן,
סליט אַ פויגל,
כאַפּט אַרויס
די גרעסטע בעסטע
שטיק פיש.

## ג) צונעמענישן, שפּאַס און שפּאָט־לידער.

1*

אַ יוקס,
אַ פוקס
אויף אַלעמאָל!
דיר דעם חזיר,
מיר דעם טייגעכץ.

ווען קינדער צוקריגן זיך.

2*

בערעלע בו,
כאַפּ די קו;
נעם אַ ליילעך,
דעק זיך צו.

3*

לייבע באַמבע,
קישקע טראַמבע,
אַצע באַצע,
געפּגרטע קליאַטשע,
אויבן אַן שטייט אַ האָן,
אין ווייסע לאַפּטשעס אָנגעטאָן.

4**

עוזר,
בייזער
הינטעלע,
גיי שטעל זיך
אין אַ ווינקעלע.

5****

ליו ליו ליו, שמואלעליו,
דיין טאַטן רופט מען שלמה,
ביסטו אַ בהמה,
דיין מוטער רופט מען מלכּה,
ביסטו אַ ליאַלקע.

6*

היי, היי,
יאָסקע דריי,
פּאַרפל צימעס
אָן אַן איי.

7*

אַנדריי, אַנדריי,
לייב אָן איי,
היינט איינע,
מאָרגן צוויי.

(ווילנע)

8**

צפּורה, צפּורה,
האָב ניט מורא,
נאַ דיר געלט
גיב מיר סחורה.

(ווילנע)

9**

איטשע, פּיטשע
נאָדל פּרעסער,
גנבע אַ מעסער
שנייד דעם בויך
עס חזרשע*) יויך.

*) נ. א. ציגענע.
וואר. כּהן.

10*

אַ גנב איז יאַסעלע,
געשמיסן אים אין טאַסעלע,
געשמיסן מיט אַ ריטעלע,
אויפן גנב ברענט די היטעלע.

11*

ליאָווקע קאַפּאָווקע,
צירע בירע וואָווקע,
גיי אין קראָם,
כאַפּ אַ פלעשל,
גיי אין קלויז,
כאַפּ אַ מויז.
צוקיי, צוקיי,
און וואַרף אַרויס!

12*

איינדל,
ביינדל,
צוקער שטיינדל,
אַקער,
באַקער,
טייוולשער ק...
אונק,
בונק,
שטונק.

מערעטש 1913.

13**

ריווע פּיווע,
קאַזשע נאַטע,
קומט דער טאַטע,
לייגט אַ לאַטע,
קומט די מאַמע,
רייסט אָפּ,
קומט דער טאַטע,
שמייסט אָפּ.

14**

יענקל מיינער,
שוואַרצער ציגיינער,
וואו ביסטו געווען?
— אין אַ קליין שטעטל.
— וואָסטו געבראַכט?
— אַ טאָפּ לאָקשן.
— וועמען האָסטו געגעבן?
— דער מאַמען.
— וואָס האָט זי געזאָגט?
— גוט.
— וואָסטו געזאָגט?
— שלעכט.
— וואָס האָט זי געזאָגט?
— גיי צום טייוול!
— וואָס האָסטו געזאָגט?
— גיי אַליין. (ווילנע)

וואר.— 15**

יענקעלע מיינער,
שוואַרצער ציגיינער!
וואו ביסטו געווען?
— אין אַ קליין שטעטל
— וואָסטו געהאַנדלט?
— מילך אַ פלעשל.
— האָסטו געבראַכט אין שטוב?
— יע.
— געוויזן דער מאַמען?
— געוויזן.

— וואָס ט׳זי געזאָגט?
— גוט.
— וואָסטו געזאָגט?
— שלעכט.

16** — וואר.
יענקעלע מײנער,
שווארצער ציגײַנער,
וואו ביסטו געוועזן?
— אונטער אַ פּוטער!
— וואָס האָסטו געגעסן?
— חלה מיט פּוטער.

וואר.—כּהן.

17** — וואר.
יענקעלע פּאַנקעלע,
צינעגע קאָפּ,
בלײַענע אויגן,
אַריבערגעפלויגן.

18** — וואר.
יעקעלע מײַנער,
שווארצער ציגײַנער,
קריך אויף די ברעטער,
קוש דעם אַלטן פעטער.

וואר.—כּהן 52.

19**
צפּורה איז מײַנע,
— וואו האָסטו איר גענומען?
— אונטער די לאָדן.
— וואָסטו איר געגעבן עסן?
— בײגל מיט פלאָדן.

20**
שרהלע איז מײַנע,
וואו האָסטו איר גענומען?
אונטער אַ פּוטער.
— וואָסטו איר געגעבן עסן?
— בײגל מיט פּוטער.
— וואָסטו איר געגעבן טרינקען?
— מעד מיט ווײַן.
— אַ געזונט אין דיר אַרײַן!

21**
ענדע, קאָמענדע,
באָליע נע מענדע,
פון מיר צו דיר־
בערל די קאָץ.
(אַסיפּאָוויטש, מינסקער גוב.)

22**
צווײ קאַטשקעלעך גײען זיך באָדן,
גײען זײ אַ ביסעלע ווײַטער,
באַגעגנט זײ אַ רײַטער.
דער רײַטער וויל זײ שלאָגן,
גײען זײ צום פּריץ קלאָגן,
דער פּריץ האָט אַ הינטעלע,
וואָס שפּילט זיך אויפן ווינטעלע.
אַלע מענטשן פאַסטן,
משהלע ליגט אין קאַסטן.
ווילנע 1920.

23**
האַמער, האַמער, קלאַפּ אין שול,
גרויסע מײדלעך גײען אין שול,
קלײנע קינדער פאַסטן,
שמעון ליגט אין קאַסטן,
הוי הוי הוי,
שמעון איז אַ גוי,
האָץ, האָץ, האָץ,
שמעון איז אַ קלאָץ.
(ווילנע)

24*
שלום עליכם,—אַ קרומער ייִד!
די לינקע פוס האָט ער אָפּגעבריט.
אײן פוס איז אױפגעשוואָלן,
און אַן אַנדער פוס איז צוגעקומען.
(ווילנע 1919)

25****
— שלום עליכם, אַ ייִד,
פון וואַנען איז אַ ייִד?
— פון פּערעוואָד.
— וואָס טוט מען דאָרט?
— מע טרינקט בראַנפן,
און מע הוליעט,
און מע טאַנצט אַ קאַראַהאָד

26**
— פון וואַנען זײַט איר, ר׳ ייִד?
— פון לוקאָוויניע, נו.
— וואָס פאַרקויפט איר?
— אוגערקעס.
— ווי טײַער אַ צענדליק?
— אַ גילדן.
— פאַרוואָס אַזוי טײַער?
— ווי איר ווילט זיך.
(ווילנע)

27*
קוקוריעקו, האָן,
וואָס וועט די באָבע טאָן?
האָלץ האַקן,
בולקעס באַקן,
קישקעס קאָכן.
ווער וועט עסן?
איך און ער,
שוויגער און שווער.
זלמן דער הויכער,
וועלוול דער סוחר.
חײקע די מאַטקע
זי געקראָכן איבער אַ קלאָדקע,
ס׳געכאַפּט אַ באַראַנקע,
געוואָרן אַ ציגאַנקע.

28**
איך און ער,
שוויגער און שווער,
צווײ צווילינגס,
דרײַ דרײַלינגס,
און דעם קלײנעם קינד,
וואָס איך האַלט אויפן האַנט.

29***
אלה תולדות נח,
פון בראַנפן האָט מען כּוח.
אַ גלעזעלע ווײַן דער עיקר,
פון בראַנפן ווערט מען שיכּור.
אַ שיכּור איז לויט,
פון בראַנפן ווערט מען רויט.
אַ גלעזעלע לחיים,
לשנה הבאה בירושלים.
י. ברוידעס.

וואר.—ג. מ. וואר.—כּהן I. 78.

30*
איכה ישבה בדד העיר,
בין איך געפאָרן אין וואָלקעמיר,
האָב איך באַגעגנט אַן אָפיציר,
האָט ער געגעסן בײַ מיר ביר,
האָב איך אים געזאָגט: אַ ריח אין דיר!
האָט ער מיר אַרײַנגעזעצט אין אַרעסטאַנטסקע ראָטע,
האָב איך אים געמאַכט אַש און בלאָטע.

31**
אַ הון בין איך,
אײער לײג איך,
באָרוועס גײ איך,
גיט מיר אַ פּאָר כאָדאַקעס,
גיט מיר אַ פּאָר כאָדאַקעס.
(ווילנע)

32**
יאַ סאָלדאַט,
טי סאָלדאַט,
יאַ פּאָלקאָווניק,
טי דוראַק,
סערעלע,
מערעלע,
וואָט כאַראָשאָ.

33***
דיר איז הײס,
טאָ עס פלײש,
דיר איז קאַלט,
טאָ גײ אין וואַלד.
דיר איז וואַרים
טאָ מאַך אַ ליאַרים.

34**
שבת גויע,
לאַדאַנאָיע,
אינדערוואָכן
קישקעס קאָכן,
שבת—פלײש.
(ווילנע)

35**
— קום עסן, קום עסן!
— גײ אַלײן, גײ אַלײן!
— אײַ, איך וויל ניט, אײַ, איך וויל ניט.
— קום שוין גיכער, קום שוין גיכער,
— ווער עס האָט געגעסן געבראָטענע לאַטקעס מיט יויך,
יענעם זאָל ווײ טאָן דער בויך.

36*
קישקעס קאָכן
אין דער וואָכן.
מיר אַ ברויט,
דיר אַ טויט.
מיר אַ וואָגן,
דיך באַגראָבן,
מיר אַ שליטן,
דיר באַשיטן.

ש. ע. „די גרויסע בהלה אין כּתריליעווקע“.

37**
אײנס, צווײ, דרײַ, פיר, פינף,
זעקס, זיבן, אַכט, נײַן, צען,
אַלע ייִדן זאָלן זען,
אַלע גוים אין די גריבער,
אַלע ייִדן אין די שטיבער.
אַ וואָגן נאָך אַ וואָגן
מע זאָל זײ באַגראָבן,
אַ שליטן נאָך אַ שליטן,
מע זאָל זײ פאַרשיטן,
אַלע גוים אין די גריבער,
אַלע ייִדן אין די שטיבער.

וואר. פון די ערשטע צווײ שורות: „הײַנט אײנער, מאָרגן צען“.
(ווילנע)

38*
הײַנט אײנער,
מאָרגן צען,
אַלע ייִדן
זאָלן זען.

39*
אַ וואָגן נאָך אַ וואָגן
זאָלן אים באַגראָבן,
אַ שליטן נאָך אַ שליטן
זאָלן אים פאַרשיטן.

40*
סטאַסינקע, מײַן קינד,
ווערן זאָלסטו בלינד.
בלינד זאָלסטו ווערן,
אַ מכּה דיר אין שטערן,
אין שטערן דיר אַ מכּה,
עסן זאָלסטו פלאַקע,
פלאַקע זאָלסטו עסן,
גאָט זאָל אָן דיר פאַרגעסן,
פאַרגעסן זאָל אָן דיר גאָט,
ברענגען זאָל מען דיר אין שטאָט,
אין שטאָט זאָל מען דיך ברענגען,
אויף אַ תּליה זאָל מען דיר הענגען,
הענגען זאָל מען דיר אויף אַ תּליה,
אַרײַנוואַרפן זאָל מען דיר אין ווילִיע,
אין ווילִיע זאָל מען דיר אַרײַנוואַרפן,
משקע*) פּומפּיאַנער זאָל דיר באַדאַרפן.

*) משקע פּומפּיאַנער—אַן אַמאָליקער באַוואוסטער ווילנער קברן.

41*
יאָסקע פּאַנדרע ליגן אָפן באַנק,
אַז מע שמײַסט אים, זאָגט ער אַ דאַנק.
יאָסקע פּאַנדרע ליגט אין שנײ,
אַז מע שמײַסט אים, טוט אים ווײ.
יאָסקע פּאַנדרע ליגט אין בלאָטע,
אַז מע שמײַסט אים, האָט ער חרטה.
יאָסקע פּאַנדרע ליגט לעבן טיר,
אַז מע עפנט, טרינקט ער ביר.
יאָסקע פּאַנדרע ליגט אויפן גאַס,
אַז מע שלאָגט אים, שלאָגט מען אים מיט אַ קלאַס!
יאָסקע פּאַנדרע איז אַ גוי,
אַז מע שמײַסט אים, שרײַט ער „אוי“.

42**
בובע, בובע, לײזעלע,
אין קראָקע שטײט אַ הײזעלע,
זיצן דרײַ פּאַנעס.
אײנע שפּינט גאָלד,
חנהלען האָב איך האָלט.
די אַנדערע שפּינט זילבער,
רחלען האָב איך נאָך ליבער.
אײנע שפּינט זײַד,
שרהן האָב איך פײַנט.
(ווילנע)

43*
בובע, בובע, לײזעלע,
קום צו מיר אין הײזעלע,

— ווער וועט דאַרשן וואַרינגען?
— יאַשקע מיט מאַריינעו,
יאַשע, יאַשע, קום אַריין,
איך וועל דיר מכבד זיין,
מיט אַ גלאָז מעד און וויין.

ש. ש.

וואַר. פנקס ל. ב--ן 49.

44*

זיי געזונט, פעטער שלום,
די וועלט איז אַ חלום,
אַ חלום איז די וועלט,
די וועלט שטייט אויף געלט,
פאַר געלט קויפט מען ביר,
וואָס דריי איז ניט פיר,
וואָס פיר איז ניט דריי,
וואָס אַלט איז ניט ניי,
וואָס ניי איז ניט אַלט,
וואָס וואַרים איז ניט קאַלט,
וואָס קאַלט איז ניט וואַרים.
וואָס רייך איז ניט אָרים,
וואָס אָרים איז ניט רייך,
וואָס קרום איז ניט גלייך,
וואָס גלייך איז ניט קרום,
אַ פויער איז ניט פרום,
ניט פרום איז אַ פויער,
וואָס זיס איז ניט זויער,
וואָס זויער איז ניט זיס,
וואָס הענט איז ניט פיס,
וואָס פיס איז ניט הענט,
צום זיצן אָנגעלענט,
אָנגעלענט צום זיצן,
אַ לייב איז צום שוויצן,
צום שוויצן איז אַ לייב,
אַ מאַן איז ניט קיין ווייב,
אַ ווייב איז ניט קיין מאַן,
אַ טאָפּ איז ניט קיין פאַן,
אַ פאַן איז ניט קיין טאָפּ,
קימל איז ניט קיין קראָפּ,
קראָפּ איז ניט קיין קימל,
די ערד איז ניט קיין הימל,
דער הימל איז ניט קיין ערד,
אַ ביקס איז ניט קיין שווערד,
אַ שווערד איז ניט קיין ביקס,
אַ פּוטער איז ניט קיין פיקס,
אַ פיקס איז ניט קיין פוטער,
שמאַלץ איז ניט קיין פוטער,
פוטער איז ניט קיין שמאַלץ,
אַ מצה איז אַן זאַלץ,
אַן זאַלץ איז אַ מצה,
אַ פערד איז ניט קיין קליאַטשע,
אַ קליאַטשע איז ניט קיין פערד,
אַ פויער ליגט אין דר'ערד.

וואַר. ג. מ. נומ. 124.

45*

לייזער בייזער הינטעלע,
זעצט זיך אין אַ ווינקעלע,
אַז מען גיט אים אַ באַבקע,
בייסט ער אָפּ די לאַפּקע,
אַז מען גיט אים ברויט,
מאַכט ער דעם טויט.

---

צוגעקומען אין משך פון זעצן.

שפּילן. 1*

### אַ פייגעלע פליט!..

(אַ שפּיל פאַר קלענערע קינדער).

אַלע אָנטיילנעמער זיצן אַרום טיש, און האַלטן אויפן טיש דעם אָנווייזונגס-פינגער.

איינער הייבט אָן:

אַ פייגעלע פליט!—

זאָגט ער גיך און הייבט אויף דעם פינגער אינדערהייך.

אַלע טוען אים נאָך און הייבן אויף אינדערהייך די פינגער.

אַ באַווייז, אַז זיי זיינען מסכים מיט דעם, וואָס ער זאָגט.

אַ מענטש רעדט!—זאָגט דער ערשטער נאָך גיכער ווי פריער.

די פינגער הייבן זיך ווידער אינדערהייך.

— אַ טאָפּ לאָקשן פליט!

ווידער הייבן זיך די פינגער אינדערהייך. איצט קומט דאָס שוין פאַר פון האַסט. דער ערשטער רופט בכיוון אָן אויף גיך די נעמען פון די געגנשט. און דער עולם באַווייזט ניט צו באַטראַכטן.

2*

### קאַמער-קאַמער הויז.

פיר קינדער שטעלן זיך אין פיר ווינקלען, אַ פינפטער גייט צו צו יעדערן פון זיי און פרעגט:

קאַמער, קאַמער,
קאַמער הויז?

יעדערער שיקט אים אָפּ מיט אַן ענטפער:

שייסטער פייסטער
יענער הויז!

אין דער צייט ווען ער קערט זיך אָפּ צו אַן אַנדערן, בייטן זיך דערווייל די הינטערשטע מיט די ערטער. ער דאַרף דאָס האָבן אין זינען און זיך פאַרכאַפּן אַן אָרט. אויב דאָס גיט זיך אים איין, בלייבט אַן אַנדערער אויסן און יענער דאַרף גיין פרעגן.

זע נומ. 6.

3**

וואַר. צום נומ. 1 פון די קינדערלידער.

קאַראַהאָד, קאַראַהאָד,
עפנט זיך דער טויער.
ווער פאַרט, ווער פאַרט?
דער קיסר מיט די קינדערלעך.
אין וואָס גייען זיי אָנגעטאָן?
אין גאָלד און אין זילבער.
אויבן אָן
שטייט דער האָן,
אין די לאַפּטשעס
אָנגעטאָן.

4** [illegible]-טער וואַר.

קאַראַהאָד, קאַראַהאָד,
עפנט זיך דער טויער,
ווער פאַרט, ווער פאַרט?
דער קיסר מיט די קינדערלעך.
אין וואָס גייען זיי אָנגעטאָן?
אין גאָלד און אין זילבער.
אָפן אויווּן זיצן זיי,
אונטערן אויווּן שוויצן זיי,
שוועבעלעך רייבן זיי,
קאַטשקעלעך פאַרטרייבן זיי,
די שעפּסעלעך מאַכן מע.

ציילעניש.

1*****

מודה אני,
זאַסיפּאַני,
פּאַני זאַסי,
קופּי נאַסי,
נאַסי קופּי,
סאַלי לופּי,
לופּי סאַלי,
חתן-כלה,
כלה-חתן,
רבי נתן,
נתן רבי,
טשאָרט נאַ טעבע.

באמערקונג: אַן אויסציילעניש אין טשערניגאָווער גוב. (אוקראַינע).

2*****

איינס, צוויי, דריי,
אָדער לידער ליי,
דער קיניג גייט פאַרביי,
דער זייגער שלאָגט שוין דריי.

---

## ד) פאַרשיידענע קינדער-לידלעך.

1*

אַס,
באַס,
גאָרגעלע—
האַס!

ווען מ'גיט אַ קינד טרינקען.

2*

ווּעסטו ליגן ביים וואַנט,
וועסטו האָבן אַ גילדערנע האַנט.
וועסטו ליגן ביים ברעג,
וועסטו האָבן אַ גילדערנעם וועג,
וועסטו ליגן אין מיטן,
וועסטו האָבן אַ גילדערנעם שליטן.

3** וואַר.

ביים וואַנט—
אין גאָטס האַנט.
אין מיטן—
אין גאָטס שליטן,
ביים ברעג—
אין גאָטס וועג.

4

ביים שלום ווערן.

ווען צוויי קינדער צוקריגן זיך און ווילן ווערן צוריק שלום, נעמען זיי זיך פאַר די קליינע פינגער און איינער זאָגט: „חבר לאַווער, וואָס ווילסטו בלוט צי העכט?" אויב יענער זאָגט העכט,—זיינען זיי ביידע שלעכט. אָבער, אויב יענער זאָגט בלוט,— זיינען זיי ביידע גוט.

5*

משה רבינוס קיעלע,
ווען וועט זיין אַ רעגן,
זונטאָג צי מאָנטאָג,
דינסטאָג צי מיטוואָך,
דאָנערשטאָג, צי פרייטאָג,
צי שבת?

6* וואַר.

משה רבינוס קיעלע,
וואָס וועט מאָרגן זיין,
אַ רעגן צי אַ שניי,
אַ גוטער טאָג צי אַ שלעכטער?

7*

בוטשאַן, בוטשאַן,
דיין שטוב ברענט!

אַזוי שרייען קינדער, ווען זיי דערזעען אַ בוטשאַן.

8**

— אַברעמעלע, מיין זון, וואו ביסטו געווען?
— אויף יענער וועלט.
— וואָס האָסטו געטאָן אויף יענער וועלט?
— איך האָב געפונען אַ זעקעלע געלט.
— וואָס האָסטו געטאָן מיטן זעקעלע געלט?
— איך האָב געקויפט אַ בהמהלע.
— וואָס האָסטו געטאָן מיט דער בהמהלע?
— איך האָב געמאָלקן מילכעלע.
— וואָס האָסטו געטאָן מיט די מילכעלע?
— כ'האָב געשלאָגן פוטערל.
— האַק פוטער, שלאָג פוטער,
— האַק פוטער, שלאָג פוטער.

(אָסיפּאָוויטש, מינסקער גוב.)

9**

האַרצעניו קרוינעניו,
לאָז מיך לעבן,
קיעלע מילכעלע
וועט מיר געבן,
קעצעלע איר פעלכעלע
וועט מיר געבן,
פעלכעלע גאַרבערל
וועל איך געבן,
גאַרבערל, לעדערל,
וועט מיר געבן
שוסטערל לעדערל
וועל איך געבן,
שוסטערל שיכעלעך
וועט מיר געבן.
פון שיכעלעך וועל איך
מאַכן אַ קראָם גלייך,
און וועל ווערן
ווי מלך סאָבעצקעס יאָרן רייך.

א. לאַוואַרישעק
ווילנע.

10**

[illegible]יכעלע, מיכעלע,
פּאַטש אַ קיכעלע,
ער וועט זיין אַ יינגעלע,
וועט מען גייען שיכעלעך.
אין חדרל לויפן,
לויפן אין חדר,
לערן כסדר,
אַ פּאָר שורות,
אַ פּאָר מעלות,
צו דער חופה וועט ער פסקענען שאלות,
דרשות וועט ער דרשענען,
די ס'קינד איז ווערט
אַ פולע געלט.

און מזל-ברכה,
די ס'קינד קומט ארויס
פון אַ שיינער משפחה,
ערלעכע לייט.
אַ חתונה אָפּגעשטעלט
אויף אַ קורצער צייט.
אַ קורצע צייט
טוט מען גדענקען,
שיינע מתנות
טוט מען שענקען.
שיינע מתנות,
שיינע קליידער,
גאָר די זאַך
גייט כסדר.                (ווילנע)

11*

דריי ראָזן אין גאָרטן,
פיר בלומען אין וואַלד,
דער זומער איז לעפּלעך,
דער ווינטער איז קאַלט.
קאָרן בעזייט,
גערשטן געשפּרייט,
אַ הער מיט אַ דאַמע
אויסגעדרייט.

12*

# דער אַלף-בית.

I.

א.—אַן אָדלער.
ב.—אַ בוים.
ג.—אַ גלח.

דער אָדלער טוט אין דערהויך פליען,
דער בוים טוט זומער בליען,
און דער גלח צו עבודה-זרה קניען.

II.

ד.—אַ דאָקטער.
ה.—אַ הימל.
ו.—אַ ווייגער.

דער דאָקטער גיט רפואות צו שוויצן,
און פון הימל טוט דונערן און בליצן,
און ביי אַ ווייגער טוט דער שטערן שוויצן.

III.

ז.—אַ זעלנער.
ח.—אַ חזן.
ט.—אַ טייך.

דער זעלנער טוט אין דערהויך שיסן,
און דער חזן אין טרוים טרערן פאַרגיסן,
און אין אַ טייך איז פאַרשיידענע פישן.

IV.

י.—אַ יאַטקע.
כּ.—אַ כּאַדקע. *)
ל.—אַ לאָפּאַטקע.

אין אַ יאַטקע טוט מען פלייש האַקן,
און אין אַ כּאַדקע אייער פאַרפּאַקן,
און אויף אַ לאָפּאַטקע טוט מען ברויט באַקן.

V.

מ.—אַ מיידל.
נ.—אַ גאַז.
ס.—אַ ספר.

די מיידל טוט זומער שטאָלצירן,
און ווינטער דעם גאַז אָפּפירן,
און אין אַ ספר איז פאַרשיידענע פּאַפּירן.

ש. ביילים.

---

וואר. כהן 72 פּ. I.

*) כּאַדקע—кадка

וואר.

13****

אַן אָדלער טוט הויך פליען,
אַ בוים טוט אַלע זומער בליען,
אַ גלח טוט ביי דער עבודה-זרה קניען,
אַ זעלנער טוט אין דער מלחמה גיין,
אַ חזן טוט ביים עמוד שטיין,
אַ טייך טוט אַלעמאָל גיין.

14**

קליפּ קלאַפּ אין גאָלדן טיר,
— ווער איז דאָ?
— דעם מלכס קנעכט.
— קליפּ-קלאַפּ, עפן אויף,
סיי דו שלאָפסט, כיי ניט.
— שלאָפן שלאָף איך ניט
און עפענען וועל איך אויך ניט.
— וואוהין זשע זאָל איך רייטן,
אַז מע שלאָפט ביי אַלע לייטן?
אַ רעגן גייט, וועל איך איינגעצן
מיין זיידן קלייד.
— קער אויס דיין זיידן קלייד אויפן
לינקן זייט,
און לייג זיך אויף די גרעזעלעך,
דער בלאַט פון בוים וועט דיך
צודעקן,
דער שיין פון טאָג וועט דיך
אויפוועקן.

---

וואר. ג. מ. 136.
וואר. כהן.

15**

ציפּ צאַפּ עמערל,
קום צו מיר אין קעמערל,
איך וועל דיר עפּעס ווייזן,
אַ שיסעלע פון אייזן,
אַ טעפּעלע פון לויטער גאָלד,
חתן כלה זייער האָלט.
די רעדעלע דרייט זיך,
חתן כלה פרייט זיך,
די רעדעלע צוגעמאַכט,
חתן כלה אַ גוטע נאַכט,
רעדעלע אָפּן,
חתן כלה שלאָפן.

---

וואר. כהן ב. II.

16**

היי היי העמערל,
קום צו מיר אין קעמערל,
איך וועל דיר עפּעס ווייזן,
שיסעלעך מיט רייזן,
שיסעלעך מיט לויטער גאָלד,
חתן כלה האָבן זיך האָלט.

---

וואר. כהן II.

17**

ווייסטו מאַמע, ווייסטו וואָס,
וואָס דער טאַטע האָט צוטאָן?
האָט צוקוילעט אַלע הענער
און געלאָזן דעם אַלטן (געלן, ווייסן
א. א.) האָן.
(אָסיפּאָוויטש, מינסקער גוב.)

---

וואר. ג. מ. 107.

18**

קוקורעקו האָן,
וואָס וועט די באָבע-טאָן?
האַלץ האַקן,
בולקעס באַקן,
קישקעס קאָכן,
אינדערוואָכן,
שבת פלייש.

19**

הוטעאַ, הוטעאַ,
(היידאַ דאַ היידאַ דאַ)
פאָר אין מאַרק
געפין אַ קאָפּיקע,
קויף אַ בייגעלע,
דעם טאַטן אַ שטיקעלע,
דער מאַמען אַ שטיקעלע,
און דיר צו לאַנגע יאָר,
אַ גרויסע שטיק!

ווילנע.

20*

— איך, איך!
— ביי אויפן קיך,
פאַרברען די שיך!

21

אַ ייִנגל איז געפאָרן
אויף אַ פערד
און האָט געריסן זיין עק,
איז די מעשה אַוועק.

22**

אַמאָל האָט אַ מיידעלע פאַרבלאָנדזשעט אין וואַלד. מיט אַמאָל האָט זי דערזען אַ גזלן. האָט דער גזלן זי געוואָלט הרגענען, האָט די מיידל אים געזאָגט:

לאָז מיך אויסשרייען דרייצן געשרייען און דערנאָך וועסטו מיר הרגענען.

דעם ערשטן געשריי שריי איך דאָך,
דעם ליבן טאַטן רוף איך דאָך,
העלף מיר, טאַטע, אין מיינע נויטן,
אַז דער גזלן וויל מיך טויטן.
דער ליבער מאַמען,
דעם ליבן ברודער,
דער ליבער שוועסטער,
דעם ליבן פעטער,
דער ליבער מומען,
דעם ליבן זיידן,
דער ליבער באָבן,
דעם ליבן שכן,
דער ליבער שכנטע,
דעם ליבן חבר,
דער ליבער חברטע,
דעם דרייצנסטן געשריי שריי איך דאָך,
דעם ליבן גאָט רוף איך דאָך.
העלף מיר גאָט אין מיינע נויטן,
אַז דער גזלן וויל מיך טויטן.

איז פון הימל אַראָפּגעפאַלן אַ פייער און פאַרברענט דעם גזלן.

23**

איך האָב זיך באַרעכנט זונטאָג,
אַז איך וועל איינפּאַקן מאָנטאָג,
און אַרויספאָרן דינסטאָג,
האָב איך זיך מיישב געווען מיטוואָך,
אַז איך וועל אַרויספאָרן דאָנערשטאָג
איז פרייטאָג ערב שבת.

ווילנע.

24**

אַמאָל איז געווען אַ ישובניקל, אַ ישובניקל,
האָט ער געהייסן רב אליעזרל, ר' אליעזרל,
האָט ער געהאַט צען טעכטער, צען טעכטער,
די ערשטע האָט געהייסן אַלטעלע,
די צווייטע „ „ ביילעלע,
די דריטע „ „ גאָלדעלע,
טימדי—דע—ראָלע גאָלדעלע.
. . . . . . . .

די פערטע האָט געהייסן דאָבעלע,
די פינפטע „ „ הענעלע,
די זעקסטע „ „ וויכנעלע,
טימדי—דע—ראָלע וויכנעלע.
. . . . . . . .

די זיבעטע האָט געהייסן זעלדעלע,
די אַכטע „ „ חיהלע,
די ניינטע „ „ טייבעלע,
די צענטע „ „ יכבדל.
טימדי—דע—ראָלע יכבדל!
. . . . . . .

אַלטעלען נדן אַרבעסלעך,
ביילעלען „ בעבעלעך,
גאָלדעלען „ גאָגעלעך,
דאָבעלען „ דגימלעך,
הענעלען „ הערינגלעך,
וויכנעלען „ ווײַמפּערלעך,
טימדי—דע—ראָלע ווײַמפּערלעך!
. . . . . . . . . .

זעלדעלען נדן זעמעלעך,
חיהלען „ רינדעלעך,
טייבעלען „ טייבעלעך,
יכבדלען „ יאיכעלעך.
טימדי—דע—ראָלע יאיכעלעך!
. . . . . . . . .

אַלטעלען אַ מאַן אַברהמעלע,
ביילעלען „ ברוכל,
גאָלדעלען „ גרשונדל,
טימדי—דע—ראָלע גרשונדל.
. . . . . . . .

דאָבעלען אַ מאַן דודל,
הענעלען „ הענעכל,
וויכנעלען „ וועלוועלע.
טימדי—דע—ראָלע וועלוועלע.
. . . . . . . . .

זעלדעלען אַ מאַן זעליקל,
חיהלען „ חיימל,
טייבעלען „ טעוועלע,
יכבדלען „ יאָסעלע.
טימדי—דע—ראָלע יאָסעלע.
. . . . . . . . .

---

וואר. ג. מ. 133.

25

אַמאָל איז געווען אַ הון מיט אַ האָן,
די מעשה הייבט זיך אָן.
אַמאָל איז געווען אַ קו מיט אַ קאַלב—
די מעשה איז האַלב.
אַמאָל איז געווען אַ קאַץ מיט אַ מויז—
די מעשה איז אויס.

---

וואר. כהן.

26

זעליק, זעליק, קער זיך אום,
נעם מיין טאָכטער פאַר דיין זון.

שיסל, לעפל קען זי וואשן,
פון די טעפ קען זי נאשן.
פון די פלעשער מאכט זי בעסער,
פון די קויפן טרינקט זי בראנפן.
פון די ליאַקעס
גיט זי קולאַקעס.

באמערקונג. קויפן איז דער טייטש הויפן.

27

— קוקוריעקו, דער מלאך איז אוועק־געפאָרן קיין פּאָמאַר.
— וואָס האָט ער געבראַכט?
— א פלעשעלע ביר.
— וואו שטייט דאָס?
— הינטערן טיר.
— ווער וועט דאָס טרינקען?
— איך מיט דיר.

וואר. ג. מ.—108, 109, 110, 111.

29

טאנץ, טאנץ, וועווערקע,
מיר וועלן אלע זינגען.
ווארף אראָפּ דעם ניסעלע,
מיר וועלן אלע שפּרינגען.

30*

איינס—א ניסל,
צוויי—א פּיסל,
דריי—מזומן,
פיר—געוואונען.

י. זאַוועלס.

# III. לידער פון חדר און פון דער ישיבה.

## 1
### אין חדר.

אז איך בין א קליין קינד געווען,
האָב איך זיך א פּולע געשפּילט,
אז איך בין א קליין קינד געווען,
האָב איך זיך געפּליושקעט אין טייך.
געפּליושקעט, געפּליושקעט,
אהיים בין איך געקומען.
ווי דער טאטע האָט מיר דערזען,
האָט ער מיר מיטן רימען מכבד געווען.
פרעג איך פארוואָס קומט דאָס מיר?
זאָגט ער, אז א ייִנגעלע מוז אין חדר גיין.

אין חדר,
אין חדר
פסדר גיי
און רייד ניט קיין וואָרט!

סאָניע כץ.

## 2****
### דער קלויזניק.

א שדוך האָט מען מיר גענומען ריידן,
האָב איך זיך געטאָן פון דער גמרא אָפּשיידן.

דער שדכן מיטן שמש,
האָבן מיר ביי דער גמרא ניט גע־לאָזן זיצן.
פון רבנים איז ער געקנאָטן,
תורה האָט זיך פון אים געשאָטן.

### אַ ישיבה־ליד.

אַז אַך און אַז וויי צו אונזערע יאָרן,
אַז מיר זיינען פּאַטראָנעס געוואָרן.
כאָר { למה לי חיים, חיים כוזב, / עני ואביון חשוב כמת.

בעסער צו עסן ברעקלעך ווי א האָן,
איידער צו האָבן דעם נאָמען פּאַטראָן.
כאָר . . .

גאָר די שטאָט טוען ברומען,
אַז די פּאַטראָנעס טוען אָנקומען.
כאָר . . .

דער גבאי טוט זאָגן: קליינער יונגאַטש,
און אַז ער האָט חשק גיט עך א פּאַטש.
כאָר . . .

הר א בארג איז דאָך זייער הויך,
אַז מע דערזעט דעם גבאי, ווערט מען טויט און בלייך.
כאָר . . .

זיי געזונט, מיין ליבער פּאָטער,
אַז א פּאָר אוועק, ווערסטו דאָן פון מיר פּטור.
כאָר . . .

חאָטש די באַלעבאָסטעטשקע טוט זאָגן—
עס, ייִנגעלע, ניט שעם זיך,
אָבער אין הארצן טראַכט זי—נאָר צום לעבעלע ברויט ניט נעם זיך.
כאָר . . .

טייכן טרערן טוט זיך פון אונז גיסן,
אַז מיר דאַרפן זיצן ביי פרעמדע טישן.
כאָר . . .

יאָ, גאָט, ביסט גערעכט,
אָבער צו זיין א פּאַטראָן איז זייער שלעכט.
כאָר . . .

ח. א. מאַטיקאַנסקי
איישישאָק, ווילנער גוב.

וואר. ג. מ. 315.

# IV. ליבע־לידער.

## 1

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
שטעל דעם סאַמאָוואַר.
לאָמיר זיך איבערבעטן,
זיי־זשע ניט קיין נאַר.
לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
קויף מיר א פונט פּיסטאַשקעס,
לאָמיר זיך איבערבעטן,
שענק מיר דיינע לאַסקעס.
לאָמיר זיך, איבערבעטן, איבערבעטן,
קויף מיר א פּאָר מאַראַנצן,
לאָמיר זיך איבערבעטן,
וועלן מיר גיין טאַנצן.
לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
אין הארצן ברענט א פייער!
לאָמיר זיך איבערבעטן,
ליבע איז דאָך טייער.
לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן
איך וועל זיין דיין חתן
לאָמיר זיך איבערבעטן,
וועט זיין שמחה וששון.



## 2**

אין גאָרטן וואַקסט א מער,
אויפן מער—א צאַצקע.
קום אהער, מיין ליבער פריינד,
שפּיל מיר א קאַזאַצקע.
איך האָב דיר גערופן,
דו ביסט ניט געגאַנגען
איך האָב אַן אַנדערן,
דו ווער אויפגעהאָנגען.
איך אויף א שיף,
דו אויף א לאָדקע,
מיר די בוטס,
דיר (וואר. צום סטראָזש) די טשעכאָטקע.

## 3*
### אויפן באַרג און אויפן בריק...

אויפן בארג און ־אויפן בריק,
צוויי געזעלן האָבן זיך אויפגערעדט (2 מאָל).
קליפּ קלאַפּ אין גאָלדן טיר
— מיין זיס לעבן עפן מיר! (2 מאָל).
— שלאָפן, שלאָפן שלאָף איך ניט עפענען וועל איך דיר אוודאי ניט (2 מאָל).
— דער ווינט וויינט, דער רעגן גייט,
איך וועל איינגעצן מיין זיידן קלייד (2 מאָל).
— קער אום די זיידן קלייד אויפן לינקן זייט
און לייג זיך שלאָפן אויפן גרינעם גראָז (2 מאָל).
— ווער וועט מיר צודעקן
און ווער וועט מיר אויפוועקן?
— דער בלאַט פון בוים וועט דיר צודעקן
דער שיין פון הימל וועט דיר אויפ־וועקן.

וואר. ג. מ. 136.

## 4*

אז איך בין אלט געווען 14 יאָר,
האָב איך פון קיין ליבע ניט געוואוסט,
און ווי איך בין אלט געוואָרן 15 יאָר,
האָט צו מיר א בחור באַקומען לוסט.

ער האָט געזאָגט, אז איך וועל אים ליבן, וועט זיין זיין וועלט,
ער וועט מיר נעמען אַן איין קאָפּיקע געלט.
מיינע עלטערן האָבן גאָרניט געטראַכט,
מע האָט זיי געזאָגט, אז איך שפּיל א ליבע,
האָבן זיי זיך אויסגעלאַכט.
אוי, איך שפּיל א ליבע שוין באַלד 2 יאָר,
און אַם ענדע איז נאָך ניט גאָר.

יענע צייט איז געגאַנגען פארביי,
יעצט האָט זיך אָנגעהויבן גאָר פון דאָס ניי.
מיינע צרות האָבן מיר ארומגערינגלט,
אַזוי ווי דער באָנדער די פאַס,
איך האָב זיך געוואָלט פארזיכערן פון ווילנער שאַרלאַטאַנעס,
האָב איך טאָגוויז געפּאַסט.
שיין איז ער אזוי ווי גאָלד
פאר אלעמען זאָגט ער, אז איך האָב אים האָלט.

און ביי דעם אמת האָב איך אים טאַקע ניט פיינט,
ווייל ער איז מיר א גוטער פריינד.
איך האָב געוואָלט וויסן צי ער האָט מיר ליב,
בין איך אוועקגעפאָרן פון זיין שטיב,
ווי איך בין פון זיין שטיב אוועק־געפאָרן,
אזוי איז ער גלייך קראַנק געוואָרן.
האָט ער גענומען צו מיר בריוו שרייבן,
בין איך קאַריק צו אים געקומען,
ווי א פייגעלע אין נעסט האָט ער מיר צוגענומען
און ער האָט געזאָגט—יעצט איז מיין וועלט,
איך וועל דיר נעמען אָן איין קאָ־פּיקע געלט.
ליב האָב איך אים ווי מיין לעבן,
ער האָט מיר א פּרעזענט געגעבן,
קיינער ווייס ניט פון דערפון,
אַז אליין איז ער לעווינס א זון,
אונזער ליבע האָט זיך פעסט פארנומען
אלע נאַוונט פלעגט ער צו מיר קומען
און מיינע עלטערן האָבן גאָרניט גע־וואוסט,
וואָס איך גיי אזוי אראָפּ פון לוסט.
איין אָוונט איז ער צו מיר געקומען
אין טעאַטער האָט ער מיר גענומען,
פרעג איך ביי אים וואָס איז אזוי שפּעט,
זאָגט ער—מ'האָט מיר א שידוך גע־רעדט.
אַך, זע, מיין לעבן, דו זאָלסט זיך פאר מיר ניט שעמען,
אפשר ווילסטו א צווייטע נעמען.
האָט ער זיך געטאָן מיט טרערן באַ־גיסן,
מיט דיר, מיין דושינקע, מוז איך מיין לעבן באַשליסן.

## 5***

די זון האָט געשיינט
איבער דער גאַנצער וועלט,
ס'איז געקומען א וואָלקן פון דער זייט
און האָט מיר מיין ליכטיקייט פאַר־שטעלט.

שפּאַצירן זיינען מיר געגאַנגען
איבער אַן אייזערנעם בריק,
פיל מענטשן זיינען אריבערגעגאַנגען,
מקנא געווען מיין גליק.

שפּאַצירן זיינען מיר געגאַנגען
פארביי א בערגעלע היי,
מיר דאַרפן זיך ביידע צושיידן,
אזוי ווי פייגעלעך צוויי.

סאָניע כץ.

## 6**

שטייט די טויב אויפן דאַך
און טוט טרויעריק ברומען,
כ'האָב געהאַט א גוטן פריינד,
און ווייס ניט וואו ער איז אהינ־געקומען.

עס רוקט זיך אָן א כמאַרענעס
מיט א טאָטשנעם רעגן,
וואָלט געגאַנגען זוכן אים,
זיינען פארגאָסן געוואָרן די וועגן.

(אָסיפּאָוויטש, מינסקער גוב. 1918)

7•
## האָב איך שפּאַצירט...
.1
האָב איך שפּאצירט
ג׳א סעדעלע א קליינס,
האָב איך דאָרט דערזען
א מיידעלע א שיינס.
.2
האָב איך איר געפרעגט,
צי זי וויל מיט מיר פארברענגען.
האָט זי מיר געענטפערט:
— קום צו מיר אהיים!
.3
בין איך געגאנגען
גלייך צו איר אהיים.
די מיידעלע זי קלייבט זיך
מיט אן אנדערן צו גיין
.4
בין איך געגאנגען
אין אן אנדער גאס,
זאָל זי נים מערקן
ווי כ׳בין געוואָרן בלאס.
.5
היינט שטעלט זיך שוין פאָר
ווי מיר איז געוואָרן,
די מיידעלע זי קלייבט זיך
מיטן אנדערן צו פאָרן.

8•
### וואַריאַנט (האלב רייסיש, האלב יידיש).
.1
יא גוליאל
וו׳א סעדעלע א קליינס,
יא טאָם אווידעל
א מיידעלע א שיינס.
.2
יא או נייע ספראשיוואל,
צי זי וויל מיט מיר פארברענגען.
אָנא מניע אָטוועטילא:
„קום צו מיר אהיים!״
.3
פאשאָל יא פריאמאָ
גלייך צו איר אהיים,
אָנא סאָבירײעטסא
מיט אן אנדערן צו גיין
.4
פאשאָל יא פריאמאָ
אין אן אנדער גאס,
שטאָבי ניע זאמעטילא
ווי כ׳בין געוואָרן בלאס.
.5
פרעדסטאַווטע סעבע,
ווי מיר איז געוואָרן—
אָנא סאָבירײעטסא
מיטן אנדערן צו פאָרן.

מערעטש 1914

9•
## די מיידעלע האָט אָנגעהויבן וויינען, קלאָגן...
די מיידעלע האָט אָנגעהויבן וויינען, קלאָגן:
„פיר מיר צו מיין מאמען!״
—סא, דו שיינינקע מיידעלע,
מיר וועלן זיך ניט פארזאמען!

די מיידעלע האָט אָנגעהויבן וויינען, קלאָגן:
„פיר מיר צו מיין טאטן!״
— שא, דו שיינינקע מיידעלע,
ס׳וועט דיר גאָרניט שאטן!

די מיידעלע האָט אָנגעהויבן וויינען, קלאָגן
„פיר מיר צו מיין מומען!״
האָט ער איר אוועקגעפירט
— — — — — בלומען.

די מיידעלע האָט אָנגעהויבן וויינען, קלאָגן:
„פיר מיר צו מיין פעטער״
האָט ער איר אוועקגעפירט
צווישן א קוסטע בלעטער.
— — — — — — —

10•
זאָג מיר נאָר, דו מיידעלע,
וואָס איז מיט דיר דער מער,
ווען איך גיי צו דיר,
גיסטו זיך א קער?

אפשר איז דיין מאמע
פון מיר ניט צופרידן,
אפשר האלט זי מיר ניט
פאר קיין יידן?

איך גיי ארום ביינאכט
לעבן דיין אָרט,
אפשר וועל איך דיר געפינען
און הערן פון דיר א וואָרט?

געדענקסט, ווען מיר האָבן ביידע
אין וואלד זיך דערקענט,
געדענקסט, ווען מיר האָבן ביידע
זיך געפירט פאר די הענט?

דו האָסט פּילייכט פארגעסן,
וואָס עס איז געווען דאן.
דו האָסט מיר צוגעזאָגט
נעמען פאר א מאן.

— די מאמע קאָן דיר ניט ליידן,
ווייל דו ביסט א שארלאטאן,
און איבער דעריבער
קענסטו ניט זיין מיין מאן.

מערעטש 1913.

11•
ליב האָב איך דיר, קעצעלע,
ליב האָב איך דיר, דושינקע,
ניט פאר דיינע שיינקייט אליין,
ליב האָב איך דיר, דעם גרונט פון מיין הארצן,
ווייל דו קענסט זיך אוי מיט מיר באגיין. (2)

א שטייגעלע פון וויצקעלעך
וועל איך פאר דיר מאכן,
אריינזעצן וועל איך דיר אין אים,
נאָר שונאים די הערצער וויל איך ניט דערפרייען,
נאָר איין זאך וויל איך נאָך פרעגן
ביי דיר, ביי דיר:

צי דען האָב איך דיר, פּאָפּעצקע,
פאר דיינע פאָלעס געריסן,
צי דען האָב איך דיר, קעצעלע,
געקענט, אוי, געקענט,
דעם ערשטן שבת צונאכט, אז איך האָב דיר דערקענט,
אזוי ווי א פייער האָט דאך מיר פארברענט.

איך האָב שוין ניט קיין כּוח,
אויף מיינע פיס ארומצוגיין,
פון א ליבע שפּילן בין איך מאט,
אוי, מאט.
נאָר שונאים די הערצער וויל איך ניט דערפרייען
און ווארפן זיך אין דער וועלט גאנץ ווייט, אוי ווייט.

נ. ווירשופ.

12•
כ׳האָב זיך איינגעליבט
אין א מיידעלע א שיינע,
און שיין איז זי געווען
אזוי ווי גאָר די וועלט,
פאר איר שיינקייט
איז זי ביי מיר איינע,
און פאר איר
וועל איך סטראדאיענען מיין וועלט.
• • • • • • • • • • •
• • • • • • • • • • •

מיטן באן זאָלסטו צו מיר ניט פאָרן,
מיטן וואסער זאָלסטו צו מיר ניט שווימען,
דו זאָלסט ניט אוועקווארפן דיין אלטן טאטן מיט דער מאמען,
און צו מיר, מיין לעבן, האָסטו ניט וואָס צו קומען.

13•
• • • • • • • • • • •
האָב ניט קיין מורא,
א דאָקטער איז מיט דיר,
זאָל דיר דיין הארץ ניט קלאפּן,
איך האלט פארשפּארט די טיר.
• • • • • • • • • • •

14•
א ליבע צו שפּילן
דארף מען האָבן כּוח,
און אז מע שפּילט די ליבע ניט אויס,
קערט זיך איבער דער מות.
• • • • • • • • • • •

# V. באלאדנארטיקע לידער
(אומטרויע און אומגליקלעכע ליבע א. א.).

1•
## אַמאָל איז געווען אַ מיידל...
.1
אמאָל איז געווען א מיידל,
זי האָט פארשטאנען א ליבע גאנץ גוט.
דער יינגל—עח ליבט דאך די מיידל,
דאן זיינען זיי ביידע באגליקט.
.2
דעם יינגלס פאָטער איז אָרעם און אָרעם,
די מיידלס פאָטער איז א גביר,
נעמט די מיידלס פאָטער דער רייכער,
און ווייזט דעם אָרעמען די טיר.
.3
• • • • • • • • • • •
• • • • • • • • • • •
דער יינגל גייט אויס ווי א ליכט
און פאלט אין זיין קבר אריין.
.4
ווי די מיידל האָט זיך דאָס געטאָן דערוויסן
אזוי איז זי גלייך דורכן טיר.
זי איז צוגעגאנגען צום קבר דעם זיסן,
געעפנט האָט זיך פאר איר א טיר.
.5
ווי א מאגנעט האָט זי צוגעצויגן,
• • • • • • • • • • •
אזוי האָט זי אראָפּגעריסן די שערבלעך
פון זיינע אויגן.
.6
דער טויטער האָט די אויגן געעפנט
און ארומגענומען האָט ער איר מיט איין האנט,
דער קבר איז געוואָרן פארשטעלט,
דאן ליגן זיי ביידע ביינאנד.

דעוועניש אָק 1914.

2•
## צוויי שוועסטער.
.1
צוויי שוועסטער זיינען מיר געווען,
איינע עלטער פאר די אנדערע,
די עלטערע שוועסטער איז מיט מזל א כלה געוואָרן.
מיט מזל האָט זי חתונה געהאט.
.2
ווי זי איז אָפּגעווען איינע צוויי דריי וואָכן,
אזוי האָט זי אָנגעהויבן וויינען און קלאָגן.
ווי דערלעבט מען די גליקלעכע מינוט,
די שוועסטער זאָל קומען צו פאָרן.
.3
הער זיך איין מיין פארליבטע ווייבעלע,
הער זיך איין וואָס איך וועל דיר זאָגן,
אפילו דיין שוועסטער וועט זיין פאר הונדערט מייל,
צו דיר וועט זי קומען צו פאָרן.
.4
ווי די שוועסטער איז בעקומען צו פאָרן,
אזוי האָט זי זיך אָנגעהויבן פוצן און קאמען,
ווי זי האָט זיך פארפוצט און פארקאמט,
אזוי איז זי אוועק מיטן שוואָגער שפּאצירן.
.5
ווי זי איז אָפּגעגאנגען איינע צוויי דריי טריט,
אזוי האָט זי מיט אים פארפירט א רייד.
— הער זיך איין, מיין פארליבטער שוואָגער,
הער זיך איין וואָס איך וועל דיר זאָגן,
לאָמיר פארפירן די שוועסטער אין וואלד
און לאָמיר ביידע חתונה האָבן! (2 מאָל)

.6

הער זיך איין, מיין געליבטע שוועגערין,
הער זיך איין, וואָס איך וועל דיר זאָגן,
קיין שענערע ווייבעלע ווי דיין שוועסטער איז,
קיין שענערע דארף איך ניט האָבן.

.7

הער זיך איין, מיין געליבטער שוואָגער,
הער זיך איין, וואָס איך וועל דיר זאָגן,
לאָמיר פארפלאַנצן א ווייגאָרטן א נייעם
און שענערע פרוכט וועלן מיר האָבן.

.8

הער זיך איין, מיין געליבטע שוועגערין,
הער זיך איין, וואָס איך וועל דיר זאָגן,
קיין שענערע קינדערלעך, ווי דיין שוועסטער האָט,
קיין שענערע דארף איך ניט האָבן.

.9

הער זיך איין, מיין געליבטער שוואָגער,
הער זיך איין, וואָס איך וועל דיר זאָגן,
גיב מיר אוועק די שליסלען פון בופעט
און לאָמיר ביידע חתונה האָבן!

.10

הער זיך איין, מיין געליבטע שוועגערין,
הער זיך איין, וואָס איך וועל דיר זאָגן,
נא דיר אוועק די שליסלען פון בופעט
און לאָמיר ביידע חתונה האָבן.

.11

—הער זיך איין, מיין געליבטע שוועסטער,
אוואו ביסטו א גאַנצע נאַכט געוועזן?
דיינע וועטשערע איז דאָך קאַלט געוואָרן,
דו וועסט דאָך קיין הנאה ניט האָבן.

.12

—הער זיך איין, מיין געליבטע שוועסטער,
זיי ניט אזוי צוטראָגן,
באלד וועט אריינגיין מיין געליבטער מאַן,
וועט ער דיר פון שטוב ארויסיאָגן.

.13

ווי דער מאַן איז אריינגעגאַנגען,
אַזוי האָט ער איר אָנגעהויבן טרייבן און יאָגן.
ער האָט איר אָנגעבונדן א שטיין אויפן האַלז
און האָט איר אין טייך אריינגעוואָרפן.

דעוועניסאָק, ווילנער גוב. 1915.

3*

## איך האָב אָנגעפאַנגען אַ ליבע שפּילן...

איך האָב אָנגעפאַנגען א ליבע שפילן,
איך האָב געמיינט עס וועט מיר זיין גוט,
איך בין אריינגעפאלן אין לייטישע מיילער,
מע פארגיסט מיר ווי וואַסער מיין בלוט.

איך האָב זיך פארליבט אין [illegible] מיידעלע,
אוי, שיין איז זי ווי די גאַנצע וועלט,
עס קען גאָר אַנדערש ניט זיין,
מיט איר מוז איך אויספירן מיין וועלט.

מיטן באַן וועל איך טאָן צו איר פאָרן,
מיטן וואַסער וועל איך טאָן צו איר שווימען,
איך וועל אוועקוואַרפן מיין פאָטער און מיין מוטער,
צו דיר, מיין זיס לעבן, וועל איך קומען.

—מיטן באַן זאָלסטו ניט טאָן צו מיר קומען,
מיטן וואַסער זאָלסטו ניט טאָן צו מיר שווימען,
זאָלסט ניט אוועקוואַרפן דיין פאָטער און דיין מוטער,
צו מיר, מיין זיס לעבן, זאָלסטו ניט קומען.

—צי דען איז ער שענער און בעסער,
צי דען איז ער קליגער פאַר מיר,
— אוי, יענער איז ניט שענער און ניט בעסער,
קליגער איז ער אויך ניט פאַר דיר.

— א יונגינקן זאָלסטו אים נעמען,
א יונגינקן זאָלסטו אים באַגראָבן,
— א יונגינקן וועל איך אים נעמען,
א זיס לעבן וועט ער פאַר מיר האָבן.

ווער.—1) ל. כהן 124.
2) ל. ב—ן „פנקס“.
3) צ. א—ן „פנקס“.

4*

## שפּאַצירן, שפּאַצירן זיינען מיר אַלע געגאַנגען...

.1

שפּאַצירן, שפּאַצירן זיינען מיר אַלע געגאַנגען,
געגאַנגען זיינען מיר אַלע גאַנץ ווייט.
מיט אַמאָל—עס הערט זיך א קול—
ראַטעוועט א מענטשן פון טייך!

.2

ווי מען האָט אים פון טייך ארויסגענומען,
אַזוי האָט די געליבטע אָנגעהויבן קלאָגן,
ווי מען האָט אים אויפן טהרה-ברעט ארויפגעלייגט,
אַזוי האָט מען דעם תנאים צוריסן.

.3

ווי מען האָט אים אויפן בית-עולם ארויפגעטראָגן,
אַזוי האָט זי אָנגעהויבן חלשן און קלאָגן.
איך וואָלט זיך געוואונטשן מיינע גאַנצע געלט צו פטרן
און מיט מיין זיס לעבן צוזאַמען זיין.

.4

ווי מען איז פון פעלד אראָפּגעגאַנגען,
אַליין איז זי אין צימער אריין,
זי האָט זיך גענומען דערמאָנען אַן איר טייער זיס לעבן
און איז געפאַלן אין צימער ווי א שטיין.

.5

זיינע זאַכן, זיי טוען ביי מיר הענגען,
איך טו דאָך זיי באַווייגען און באַקלאָגן,
איך וועל זיי אָפּגעבן אָרעמינקע בחורימלעך,
זיי זאָלן נאָך אים קדיש זאָגן.

.6

פייגעלעך אין הימל, איר זייט דאָך אַלע עדות,
איר זייט דאָך אַלע עדות פאַר מיר.
איך וואָלט זיך געוואונטשן מיינע גאַנצע געלט צו פטרן,
נאָר מיט מיין זיס לעבן צוזאַמען זיין.

.7

איך האָב אוועקגעשיקט א בריוו צו זיינע עלטערן,
קענט איר זיך פארשטעלן גאָר,
אַז עס שטאַרבט אָפּ אַן איינאַיינציקער קדיש
פון איינאונצוואַנציק יאָר...

מערעטש 1914.

5*

איך האָב געליבט א מיידעלע פון אַכצן יאָר,
געליבט האָב איך איר א דריי פיר יאָר.

איך האָב געוואָלט וויסן צי זי האָט מיר ליב,
בין איך אוועקגעפאָרן פון איר שטיב.

ווי דער יונגער קנאַבע איז אָפּגעפאָרן,
אַזוי איז די געליבטע קראַנק געוואָרן.

צוועלף א זייגער נאָך האַלבער נאַכט
האָט מען צום קנאַבע א בריוועלע געבראַכט.

ווי ער האָט גענומען דעם בריוועלע אין האַנט,
אַזוי האָט ער פארשטאַנען, אַז די געליבטע איז קראַנק.

געבראָכעט די געשעפטן, דעם איינגנס פארלאָרן,
צו זיין געליבטער איז ער אוועקגעפאָרן.

— גוט מאָיען, גוט מאָיען, מיין ליבטיקער פארשוין,
וואָס טוסטו ליגן אין בעטל אַליין?
— גוט יאָר, גוט יאָר, מיין יונגער קנאַבע,
די בעטל איז מיין בעגראַבע.

שנעלער שנעלער ליכט געבראַכט,
מיין געליבטע גייט אויס די נאַכט.

ווי ער האָט איר גענומען אונטער אָרים,
אַזוי איז זי געוואָרן ניט קאַלט און ניט וואָרים.

ווי ער האָט גענומען דעם אַלמער שליסן,
אַזוי האָבן זיך גענומען טרערן גיסן.

ווי ער האָט ארויסגענומען די שוואַרצע טרויער-קלייד,
אַזוי האָט ער איר גאַנץ פיין באַקליידט.

אויף דיין קבר וועט שפּראָצן בלומען,
צו דיר, מיין געליבטע, וועל איך אין גיכן קומען.

עס האָט ניט געדויערט קיין איין פרימאָרגן,
ווי דער יונגער קנאַבע איז אויך געשטאָרבן.

אין שטעטל איז געוואָרן א יאָמער, א קלאָג,
צוויי געליבטע אין איין אַכטאָג.

אויפן מצבה שטייט אָנגעשריבן,
אַז צוויי געליבטע אין איין קבר ליגן.

ענלעכער וואַריאַנט ביי צ. א—ן „פנקס“ נומ. 168, 169, 170.
וואר. נח פרילוצקי, יידישע פאָלקס-לידער, 2-טער ב.

6*

## איך האָב געטראַכט אַ טאָג מיט אַ נאַכט...

.1

איך האָב געטראַכט א טאָג מיט א נאַכט,
ווי די מיידעלע צו פארפירן,
איך בין אריין צו איר מיט א שמייכעלע, מיט א לאַך—
טו זיך אָן און קום אין גאַס שפּאַצירן.

.2

זי האָט אָנגעטאָן די פּרעס-ווייסע קלייד
און איז אוועק שפּאַצירן,
גייענדיק האָט זי אָנגעבעגנט אירע טאָווארישטשעס
— אָך וואו גייט איר דאָ אַזוי שפּעט?

.3

וואו מיר גייען, גייען מיר,
דאָס איז שוין ניט דער ערשטער מאָל,
דאָס איז שוין דער לעצטער מאָל.

.4

אַדוואָקאַט, דו אַדוואָקאַט,
דו ווייסט דאָך פון אַלע זאַקאָנעס,
און דו ביסט מיינער א שוועסטער-קינד,
טו האָב אויף מיר רחמנות.

.5

ער האָט ארויסגענומען דעם צוקער-שניטל
און האָט פאַרוואָרפן אויף איר האַלז
. . . . . . . . . . .
און אין לאַנקע דערטרונקען.

.6

ליבע פּאָדרוגעס, איר זיסע פּאָדרוגעס,

נעמט אראפ פון מיר א ראיה,
אז וועלכע מיידעלע עס שפילט א ליבע,
זאל שפעט ביינאכט ניט הוליאיען.

.7

ליבע ביימער, אך, זיסע ביימער,
קיין פאלשע עדות זאלט איר ניט זיין,
אז מיין מאמע וועט קומען פרעגן,
דעם אמת זאלט איר זאגן.

דעוועניסאק, 1915.

7*

## זעקס יאר מיט אכט מאנאטן...

.1

זעקס יאר מיט אכט מאנאטן,
ווי מיר האבן זיך ביידע באקאנט.
אך, ווי גליקלעך איך וואלט זיך שעצן,
ווען איך וואלט האלטן דיין רעכטע האנט.

.2

אין איין צימער זיינען מיר ביידע בעזעסן,
פון אונזער ליבע האט קיינער ניט געוואוסט.
אויף דיינע הענטלעך בין איך געזעסן,
איך האב ניט גערעכנט, ס'זאל זיין אומזיסט.

.3

שפאצירן זיינען מיר ביידע געגאנגען,
צי דו האסט מיך ליב, צי דו האסט מיך פיינט,
אז דו האסט ניט מורא פאר גאט אין הימל,
סא האב שוין שאנדע פאר מיינע פריינד.

.4

פאר אלעמען זאגסטו, אז איך בין א שיינע,
וואס שענער, שענער קען שוין גאר ניט זיין.
פאר מיינע שיינהייט ווערסטו צעטייעט,
אזוי ווי דער פאסטוך אין פרייען פעלד.

.5

שפאצירן זיינען מיר ביידע געגאנגען
ארום און ארום דעם בית עולם.
אוואו דער ליבער גאט פארטרייבט דעם עולם,
דארטן פלעגן מיר שפאצירן גיין.

.6

דיינע בעקעלעך—צוויי ראזע בלומען,
דיינע ליפלעך ווי צוקער זיס,
דיינע אויגעלעך—צוויי שווארצע קארשן,
אך ווי דערלעבט מען פון דיר א קוש.

דעוועניסאק, ווילנער גוב. 1915

8*

## די וועלט, די וועלט.

די וועלט, די וועלט איז פאר מיר ניט קיין וועלט,
זי איז דאך פאר מיר צו קליין.
איך האב זיך אליין זיך באקלערט,
יונגערהייט פון דער וועלט אוועקצוגיין.
אזא טייערע וועלט,
נאר ניט פאר מיר,
אוי ווי גרויס איז אין מיר מיין וואונד,
אז איך דארף גיין זוכן אין דר'ערד א טיר,
איך—ראזע, די אדל-קינד...

איך האב נאך גאר קיין וועלט ניט בעזען,
מער ניט די—שטאט קאטערינאסלאוו אליין,
מיין גאנצער פארגעניגן איז דארטן געווען—
איך פלעג אין בולוואר שפאצירן גיין.
און יעצט איז מיר צו מיין הארצן דערגאנגען,
אוי ווי גרויס איז אין מיר מיין וואונד,
און מארגן וועט מען זאגן, אז איך האב זיך געהאנגען,
איך—ראזע די אדל-קינד...

מארגן וועט זיין די מיטה מיין בעט
און די תכריכים—מיינע קליידער,
דער פייכטער קבר איז מיין קאבינעט
און איך וועל ליגן שטיל שווייגן.
אוי ווי גרויס עס איז אין מיר מיין וואונד,
און עס קען נאך זיין, אז מ'וועט מיר שניידן,
מיר—ראזע, די אדל-קינד...

מיינע עלטערן זיי טוען שלאפן,
זיי ווייסן גאר פון זייער אומגליק ניט,
וואס עס האט ביי זיי בעטראפן
מיט זייער איינאיינציק קינד.
און מארגן פרי וועלן זיי זיך פון אלעס דערוויסן,
אוי, ווי גרויס עס איז אין מיר מיין וואונד,
פיל טייכן טרערן זיי וועלן טאן אויסגיסן
אויף מיר—ראזע, די אדל-קינד...

*9

די וועלט האט ביי מיר קיין ווערדע ניט,
מער ניט ווי א ווינט.
צוליב אייך, מיינע עלטערן, זאל איך זיך דארפן הענגען,
אוי וויי! פון אכצן יאר א קינד!

אליין בין איך אין מיין צימערל אריין,
קיין ווארט האב איך ניט מיט וועמען צו ריידן,
האב איך מיר איין מיטל באקלערט,
ווי זיך פון דער וועלט צו שיידן.

אוי סאר א שיינע וועלט זי איז!
זי איז מער ניט ווי א ווינט,
צוליב אייך, מיינע עלטערן, זאל
איך זיך דארפן הענגען,
אוי וויי! פון אכצן יאר א קינד!

דריי האנטעכלעך האב איך אויפגעבונדן,
און אליין אין צימערל אריין,
אויפן העלזעלע האב איך געטאן פארציען,
טויטערהייט בין איך געבליבן דאן.

די מיטה וועט זיין מיין היסב-בעט,
די תכריכים וועלן זיין די אייביקע קליידער,
דער קבר וועט זיין מיין קאבינעט.
די ווערים וועלן עסן יעדן אבר.

די נאכט איז שוין אריבער, עס הייבט שוין אן צו טאגן,
זייט געזונט אלע מיינע שכנים,
א טע דא א טע דא וועט מען מיר צושיידן,
אוי וויי! פון אכצן יאר א קינד.

וואר. ג. מ. 229

10*

## ווער עס וויל א ליד אויסהערן...

ווער עס וויל א ליד אויסהערן,
יענער זאל קיין נאכט ניט שלאפן,
די ליד איז וויינענדיק, די ליד איז טרויערדיק,
וואס אין קיעוו שטאט האט געטראפן.

אין קיעוו שטאט אויפן מעשטשאנסקן בריק,
גארדינס טאכטער האט איר גליק פארלארן.

דער ארוואקאט, דער פיינער מאן,
ער האט זיך אין איר פארליבט,
זי האט אים ניט געליבט.

שטענדיק פלעגט אים טאן קרענקען,
טאג ווי נאכט איז ער געזעסן און געטראכט
ווי קען ער איר אומברענגען.

שפעט ביינאכט איז ער אריין:
— לאמיר ביידע גיין שפאצירן.

— שפאצירן וועל איך מיט דיר ניט גיין,
דו ווילסט מיר מיין לעבן אומברענגען.
— שווערן שווער איך דיר ביי מיין לעבן,
אז איך וועל דיר ניט טאן פארפירן!

שפאצירן זיינען זיי ביידע געגאנגען
. . . . . . . . . . .
אין פרילאנקע האבן זיי איר דערטרונקען.
. . . . . . . . . . .

ווי דער פאטער האט זיך דערוואוסט,
האט ער גענומען וויינען.
שכנים-קרוין, אוי שכנים-קרוין:
נעמט אראפ א ראיה,
איך האב מיין טאכטער ניט געוואלט צו דער חופה פירן,
דארף איך גיין נאך איר לויה.

דעוועניסאק, 1913.

11*

## א טרויעריק ליד מיט דעם דערטרונקענעם חתן.

די זון האט זיך אראפגעלאזן אין מערב-זייט,
פינסטער איז געווארן אויף דער וועלט (2 מאל).
אלע מענטשן זיינען שפאצירן געגאנגען,
נאר אברהם דער חתן פעלט.
טויזנטער מענטשן זיינען שפאצירן געגאנגען,
געגאנגען זיינען זיי גלייך,
אינמיטן דעריינען הערט מען א קול—
אך, ראטעוועט א מענטשן פון טייך.

ווי מ'איז צום טייך צוגעגאנגען, האט מען געמאכט א פלאן,
און הונדערטער מענטשן האבן זיך צו דער מצווה גענומען,
צו ראטעווען דעם יונגן מאן.
און אז מע האט אים פון טייך ארויסגענומען,
איז די פיס געווען ביי אים צעביסן,
און ווי מע האט אים אויפן טהרה-ברעט ארויפגעלייגט,
אזוי האט מען דעם תנאים צעריסן.

אוי, די כלה שטייט ביי דערביי,
טייכן טרערן רינען פון אירע אויגן,
זי בעט ביי גאט, אז ער זאל מיט איר א נס טאן,
אז מע זאל איר דערביי לייגן.

כלה דו ליבסטע, כלה דו מיין,
צי דען ביסטו איינע אויף דער וועלט?
דער טויט לאזט ניט איבער קיין יונגע און קיין אלטע,
אויף דערויף איז די וועלט בעשטעלט.
— אך, זיינע זאכן וואס ער האט געטראגן
וועל איך באוויינען און באקלאגן,
און איך וועל דאס צוטיילן ארימע בחורים
זיי זאלן נאך אים קדיש זאגן.

וואר. כהן. ב. I באל. 7, 8.

12*

איך בין אמאל געווען א גאנץ ערלעך מיידעלע,
דאס איז ביי מיר בעוועזן טייערער ווי געלט,
און יעצט בין איך באליידיקט, אוי געווארן,
איך מיין עס איז שוין פארפאלן מיין וועלט.

צוזאגג:

דערום איז מיר מיין הארץ
פארזעטיקט אוי מיט שמארץ,
און דאס פנים גייט אראפ פון קאליר,
אוי, די פיס קען ניט גיין, די ליבע אויסצושטיין,
גוואלד, ווי ווערט א מענטש אזוי פארפירט.

מיט דיינע גוטע ברידער האב איך ווין בעטרונקען,
אוי, פון א ריינע גלאז,
אן אומחן האסטו אויף מיר, מיין זיס לעבן, אוי בעווארפן,
איך ווייס דאך ניט פאר ווען און פאר וואס.

צוזאגג:

איך בין אמאל געווען א גאנץ שיין מיידעלע,

פון קיין צרות האָב איך דאָך ניט געוואוסט,
אַ טאַנץ און אַ שפרונג, אַ הוליע און אַ זונג,
און יעצט בין איך פון דער ליבע מאַט

**צוזאַנג:**

הערט זשע אויס, מיינע גוטע חברטעס,
איך וויל אייך דערציילן פון אַלעס,
קיין מאַנספערזאָן זאָלט איר קיין מאָל ניט גלויבן,
ביז וואַנען איר וועט ניט ווערן קיין כלהס.

**צוזאַנג:**

אוי, געוואַלד, ווי ווערט אַ מענטש אַזוי פאַרפירט,
מיר האָבן געשפּילט אַ ליבע שוין באַלד 2 יאָר,
ביז וואַנען אַלע ג״י ז האָבן זיך דערוואוסט.
מע האָט דאָך געזאָגט, אַז דאָס איז טאַקע אַ פּאָר,
ניכיי וואָלט כאָטש ניט געווען אומזיסט.

**צוזאַנג:**

צי האָסטו ניט קיין עסן, צי האָסטו ניט קיין טרינקען,
צי האָסטו ניט קיין שיינעם גאַנג,
טאָ זאָג זשע מיר, טאָכטערל, זאָג זשע מיר, ליבינקע,
אָך, וואָס זשע טוט דיר אַזוי באַנג.

מאַמעניו ליובינקע, מאַמינקע דושינקע,
איך שוויג שוין אַ ביסעלע שטיל.
אוי, לעש מיר דעם פייער פון מיין הארצן
און גיב שוין מיר וועמען איך וויל.

דערום בין איך מקנא יעדן באַזונדער,
דער וואָס ווייס פון קיין ליבע ניט.
אַ ליבע פירט דאָך איבער אַ וועלט מיט יונגע קינדער,
אוי, געוואַלד, אַ ליבע איז דאָך ניט גוט!

**צוזאַנג:**

13*

## אַ חברטע.

אין איינע צוויי ווערטער האָט ער געטאָן מיט מיר ריידן,
אַזוי האָט ער זיך איינגעליבט אין מיר,
אוי און אוי, גאָט זאָל אים צאָלן אין אַלע זיינע וועגן,
דעם תכלית, וואָס ער האָט געמאַכט פון מיר.

אַ חברטע, אַ חברטע האָב איך געהאַט, אַ געטרייע,
וואָס געטרייער קען שוין גאָר ניט זיין.
מיט אירע פאַלשע ריידעלעך האָט זי אים צוגענומען,
געבליבן בין איך עלנט ווי אַ שטיין.

אַ חברטע, אַ חברטע, האָב איך געהאַט אַ געטרייע,
און אַלע סעקרעטן האָט זי ביי מיר געוואוסט,
און היינט טוט מען זינגען, אין אַלע גאַסן קלינגען,
אַז מיין סטראַראַניע איז געווען אומזיסט.

אוי, חברטעס, אוי חברטעס, קלייבט זיך אַלע צוזאַמען
און נעמט אַראָפּ אַ מוסר פון מיר,
אוי, פון מיר,
אוי, גאָט זאָל אייך היטן פון אַ פאַלשע ליבע,
אַזוי ווי איינעם פון אַ יונגן טויט.

אוי, היינט איז מיר ביטער און דערצו נאָך פינסטער,
וואָס ערגער, מאַמע, קען שוין גאָר ניט זיין,
און אַ שטיין אויף מיין הארצן וועל איך זיך טאָן אויפהענגען
און וואַרפן וועל איך זיך אין ים אַריין.

און ווי איך בין איך אין ים אַריינגעלאָפן,
געוואָרן איז אַ שטורים און אַ ווינט,
אוי, אַז מיין מאַמע זאָל וויסן, אַז איך גיי זיך טרינקען,
געלאָפן וואָלט זי ראַטעווען איר קינד.

14*

.1

ווער עס קען דעם פייער איינלעשן,
עס העלפט ניט קיין בראַנפן, ניט קיין ספירט,
עס נעמט מיר ניט קיין עסן און קיין טרינקען,
די פאַלשע ליבע זי האָט מיר פאַרפירט.

.2

איך גיי מיר אַרויס אויפן גאַס,
פאַרטרויערט איינע אַליין,
זיינע חברים זיי ווייזן אָן מיט די פינגער,
אַז דאָס איז חיימקעס אַ כלה געווען.

.3

איך גיי מיר אַריין אין מיין צימער,
קאַם וואָס מ'הערט מיינע טריט,
מיינע געדאַנקען זיי קערן זיך מיר איבער,
שלאָפן לייגן דערלאָזט דאָס מיר ניט.

.4

אַ תנאים האָב איך מיט דיר געשריבן,
צו וואָס זשע שטייסטו לעבן מיין טיר,
אַ געהלשטער זאָלסטו דאָ בלייבן,
און טויטערהייט זאָל מען דיר צונעמען פון מיר.

פּעקער.

15*

א.

לאָמיר צוועקליינן וועגן אַלעס,
לאָמיר אָנהייבן מיטן אַלף,
די מיידעלע, די מיידעלע, וועלכע שפּילט אַ ליבע.
שאַרפט אויף זיך אַ חלף,

ב.

לאָמיר צוועקליינן מיט אַלף,
לאָמיר אָנהייבן מיטן בית,
די מיידעלע, די מיידעלע, וועלכע שפּילט אַ ליבע,
לאָזט זיך אויס אַלדאָס בייז.

ג.

לאָמיר צוועקליינן מיטן בית,
לאָמיר אָנהייבן מיטן גימל,
די מיידעלע, די מיידעלע, וועלכע שפּילט אַ ליבע,
מיינט, אַז זי איז אויפן הימל.

ד.

לאָמיר צוועקליינן מיטן גימל,
לאָמיר אָנהייבן מיטן דלית,
די מיידעלע, די מיידעלע, וועלכע שפּילט אַ ליבע,
לאָזט זיך איר אויס אַ בייזער דלית.

ה.

לאָמיר צוועקליינן מיטן דלית,
לאָמיר אָנהייבן מיטן היי,
די מיידעלע, די מיידעלע, וועלכע שפּילט אַ ליבע,
איז איר אָך און וויי.

ו.

לאָמיר צוועקליינן מיטן היי,
לאָמיר אָנהייבן מיט וואָוו,
די מיידעלע, די מיידעלע, וועלכע שפּילט אַ ליבע,
לאָזט זיך איר אויס אַ בייזער סוף.

ז.

לאָמיר צוועקליינן מיטן וואָוו,
לאָמיר אָנהייבן מיטן זייען,
די מיידעלע, די מיידעלע, וועלכע שפּילט אַ ליבע,
טוט זי נאָכהער מיט בלוט שפּייען.

ח.

לאָמיר צוועקליינן מיטן זייען,
לאָמיר אָנהייבן מיט חית,
די מיידעלע, די מיידעלע, וועלכע שפּילט אַ ליבע,
איז גלייך ווי אַ פאַרטיקער מת.

16*

אויפן ים, אויפן ים טרייבט אַ ווינט,
אַלע פאַליעס שלאָגן,
און אין הארצן איז מיר אַ וואונד,
איך קען קיינעם ניט זאָגן.

מע האָט מיך געבונדן,
אויף אַלע פיר, אויף אַלע פיר,
. . . . . . . . . . .
און איך קען ניט קומען צו דיר.
. . . . . . . . . . .

17*

כ'פאַרשילט דעם טאָג,
דעם טאָג פון מיין געבאָרן,
איך באַוויין אים אַלע מאָל,
הלואי וואָלט איך גאָר ניט געווען געבאָרן,
איידער איך האָב דיר דערקענט.

וואַר.

18*

ס'איז שוין צוועק האַלבע נאַכט,
און איך האָב נאָך אַלץ ניט געשלאָפן,
מיינע געדאַנקען זיי קערן זיך איבער,
וואָס פאַר אַן אומגליק דאָ האָט געטראָפן.

. . . . . . . . . . .
איך האָב פאַרשפּילט אַזאַ טייערע ליבע,
איך קען איר קאַריק ניט געפינען.

ווען איך וואָלט געווען אַ פייגעלע,
וואָלט איך צו דיר געפלויגן
איך וואָלט . . . . . . . . .
מיט מיינע פאַרוויינטע אויגן.

ווען איך וואָלט געווען אַ פיש,
וואָלט איך צו דיר געשוואומען.
. . . . . . . . . . .

(פון אַ גרעסערן ליד, וואָס איך האָב ניט באַוויזן צו פאַרשרייבן, אונטערגעהערט אונטער אַ פענסטער)

19*

. . . . . . . . . . .
קלאַפּט אַ דעפּעש צום יונגן קנאַבע,
אַז זיין געליבטע איז שוואַך און קראַנק.
. . . . . . . . . . .
איין זאַך וועל איך ביי דיר בעטן,
דו זאָלסט קומען מיין קבר באַטרעטן.

נויפן קבר האָט ער געפונען אָנגעוואַקסן שוואָמען,
זאָט ער די שוואָמען אַרויסגעריסן
נון האָט אַרויפגעלייגט קראַנצן בלומען.

וואַר. פנקס צ. א–ן 5 №

20*

## ניסנבוים.

מוטער ליבע, מוטער מיין,
איך בין געגאַנגען אין גאַס אַריין,
האָב איך געהערט ווי לייט ריידן,
שטייט אין וואַלד אַ ניסנבוים,
גרין ווי דיין קליידל.

ניסנבוים, דו ניסנבוים,
דו זאָלסט מיר שטיל שווייגן.
איך האָב אינדערהיים צוויי קליינע ברידערלעך,
זיי וועלן דיר אָראָפּשניידן.

כאָטש זיי וועלן מיר אַראָפּשניידן,
קומט דער ליבער זומער,
טו איך שפּראָצן בליען,
גיסט נאָך אונטער אַ קריגל וויין
קריגט איר אים ניט ווידער.

אַ ברוכשטיק פון אַ ליד.
זע וואַר. פּריל. 162, 163, 164, 165, 166, 167.
אָראָפּגעשריבן ביי אַ שילער.

21*

— אָך, דו מענטש, ווי קומסטו אַהער?
דאָדערט איז דאָך מיין קוואַרטיר,
— טו לאַ לאַ ליו—יאַ טעביאַ זאַבּיו!

— נאַ דיר צוועק מיינע שיך און קאַלאַשן,
און לאָז מיר גיין איבער די גאַסן
— טו לאַ לאַ ליו—יאַ טעביאַ זאַבּיו!

— דיינע שיך און קאַלאַשן טו איך באַדאַרפן,
נאָר דעם מעסער פאַר דיר טו איך שאַרפן,
טו לאַ לאַ ליו—יאַ טעביאַ זאַבּיו!

— נאַ דיר אוועק מיין גאָלדענעם ווייזער,
און לאָז מיר גיין איבער די הייזער!
— סו לאַ לאַ ליו—יאַ טעביאַ זאַביו!

— דיין גאָלדענעם ווייזער סו איך באַדאַרפן,
נאָר דעם מעסער פאַר דיר סו איך שאַרפן,
סו לאַ לאַ ליו—יאַ טעביאַ זאַביו.

— נאַ דיר אוועק מיין גאָלד און זילבער,
און לאָז מיר גיין צו מיין ווייב און קינדער.
— סו לאַ לאַ ליו—יאַ טעביאַ זאַביו!

— דיין גאָלד און זילבער סו איך באַדאַרפן,
נאָר דעם מעסער פאַר דיר סו איך שאַרפן.
סו לאַ לאַ ליו—יאַ טעביאַ זאַביו!

— נאַ דיר אוועק מיין פערד און וואָגן,
נאָר דו זאָלסט מיין נפש ניט באַגראָבן!
— סו לאַ לאַ ליו—יאַ טעביאַ זאַביו!

22*

פינסטער איז מיר מיין וועלט,
מיין יוגנט איז מיר שווארץ,
מיין גליק איז מיר פארשטעלט,
צופוילט איז אין מיר מיין הארץ.

מיר ציטערט יעדער אבר,
אין מיח קילט דאָס בלוט,
נאָר אין איינעגעם קבר,
וועט מיר זיין רעכט גוט.

וואָס ווילסטו, מוטער, האָבן, (2 מאָל)
וואָס מאַטערסטו דיין קינד,
וואָס ווילסטו מיר באַגראָבן,
וואָס איז מיינע זינד.

אך, ווען דו וואָלסט וויסן,
ווי מיר איז ניט גוט,
וואָלסטו ניט פארגיסן,
אַזוי ווי וואַסער מיין בלוט.

איך האָב קיין נחת געהאַט,
נאָר ליידן און קומער,
איך וועלק ווי אַ בלאַט,
ווי אַ בוים סוף זומער.

וואו נעם איך מיין פריינד,
כאָטש אויף איין שעה,
אַלע האָבן מיר פיינט,
און ער איז ביי מיר אויך ניטאָ.

וואו ביסטו, מיין נשמה,
וואו ביסטו אַך, זאָג,
דו ביסט דאָך מיין נחמה,
ביינאַכט און בייטאָג

אַך, מיינע עלטערן, אוי וויי,
פאַריאָגן דיר פון מיר,
אוי, פאַרנעם מיין געשריי,
איך לעב גאָרניט אָן דיר.



# VI. חתן-כלה און חתונה-לידער.

1****

הער דו צו, גיטע לאה,
וואָס איך וויל דיר זאָגן מיין דעה,
עס וועלן צו דיר קומען חתנים און מחותנים,
זאָלסטו ניט שטיין פון ווייטן,
אַזוי ווי אַ מיידעלע פארצייטן,
זאָלסט זיך גאָר ניט שעמען
און זאָלסט זיך אין דעה נעמען.
וועלכער דיר וועט געפעלן,
יענעם זאָלסטו וועלן.

2**

שפרינג אראָפ, שפרינג אראָפ,
טאָכטערקע, פון אויוון,
מ׳האָט געבראַכט, מ׳האָט געבראַכט,
אַ קליידעלע פארקויפן,
(אַ פאָר שיכעלעך, אַ פאָר זעקעלעך א. אז. וו.)
— אוי, מאמע, איך בין אַלט,
אויפן אויוון איז מיר קאַלט,
איך וועל דאָס ניט קויפן.

שפרינג אראָפ, שפרינג אראָפ,
טאָכטערקע, פון אויוון,
מ׳האָט געבראַכט, מ׳האָט געבראַכט,
אַ חתנעלע פארקויפן,
— אוי, מאמע, איך בין יונג,
און פון אויוון גיב איך אַ שפרונג,
איך וועל דאָס קויפן,
איך וועל דאָס קויפן.

3** וואר.

— באַדאַנע, באַדאַנע, וואָס וויינסטו מיין קינד?
אפשר ווילסטו אַ קליידעלע האָבן,
(אַ פאָר שיכעלעך, אַ פאָר זעקעלעך א. אז. וו.)
וועל איך גיין צו דער שניידערקע זאָגן,
— ניין, מאמעלע, ניין
דו ווייסט ניט וואָס איך מיין,
דו קענסט מיך ניט פארשטיין.

— באַדאַנע, באַדאַנע, וואָס וויינסטו מיין קינד?
אפשר. ווילסטו אַ חתנעלע האָבן,
וועל איך גיין צום שדכן זאָגן.
— יע, מאמעלע יע!
דו ווייסט שוין וואָס איך מיין,
דו קענסט מיך שוין פארשטיין.

וואר. ג. מ. 244; כהן.

4*

— זאָג, ווער מען זאָל איך דיר, מיין קינד, געבן?
אַ שוסטער-יינגל געבן דיר, מיין קינד?
— ניין מאמעלע, ניין!
אַ שוסטער-יינגל מאַכט דעם שיכל
און די ווייב שרייבט אין ביכל,
ניין, מאמעלע, ניין!

— טאָ ווער מען זאָל איך דיר, מיין קינד, געבן?
אַ שניידער-יינגל געבן דיר, מיין קינד?
— ניין, מאמעלע, ניין!
*) אַ שניידער-יינגל מאַכט דעם פראַק,
און דער ווייב גיט ער אין באַק.
ניין, מאמעלע, ניין!

— טאָ ווער מען זאָל איך דיר, מיין קינד, געבן?
אַ סטאָלער-יינגל געבן דיר, מיין קינד?
— ניין, מאמעלע, ניין!
אַ סטאָלער-יינגל מאַכט דעם בענקל,
און גייט גלייך אין שענקל,
ניין, מאמעלע, ניין!

— טאָ ווער מען זאָל איך דיר, מיין קינד, געבן?
אַ שמיד-יינגל געבן דיר, מיין קינד?
— ניין, מאמעלע, ניין!
אַ שמיד-יינגל קלאַפט אין קאָוואדלע,
און די ווייב רופט ער פּאַדלע,
ניין, מאמעלע, ניין!

— טאָ ווער מען זאָל איך דיר, מיין קינד, געבן?
אַ רבי-יינגל געבן דיר מיין קינד?
— אַ רבי-יינגל פסקנט שאלות,
און מיט דער ווייב מאַכט ער מעלות
יע, מאמעלע, יע!

*) וואר.—אַ שניידער-יינגל מאַכט דעם רעקל און די ווייב קלאַפט ער אין קעפל.

מערעטש, 1914.

וואר. ג. מ. 246, 249, 312, 313.

וואר. כהן 5, II „חתן-כלה לידער“.

5**

היינט בין איך אַ כלה,
אוי ווי גוט מיר איז,
אַלע מחותנים
פרייען זיך מיט מיר.

ס׳קומט מיר אָן אַ בריוועלע,
צו קושן זיינע ווערטער,
איך וואָלט שוין גערן זען
ווי ער איז מיין באַשערטער.

מ׳פירט מיר צו דער חופה,
מ׳פירט מיר שוין צוריק,
אַלע מיינע חברטעס,
מקנא מיר דעם גליק.

אויף מאָרגן נאָך דער חתונה,
דער מוט איז נאָך אינגאַנצן,
דער יונגערמאַן אַ מלך,
די ווייבל גייט דאָך טאַנצן.

צוויי וואָכן נאָך דער חתונה,
די פרייד איז שוין אראָפ,
ביי דעם יונגנמאַן,
דרייט זיך שוין די קאָפּ.

דריי וואָכן נאָך דער חתונה,
די ווייבל גייט זיך קלאָגן,
אַז דער יונגערמאַן
האָט איר אָנגעשלאָגן.

„מאמעניו, מאמעניו,
איך בין שוין, גאָר ניט גערן,
איך וואָלט שוין וועלן
צוריק אַ מיידל ווערן“.

„טאָכטערניו, טאָכטערניו,
ס׳קען דאָ גאָר ניט זיין,
פון אַ יונגער פרוי
קען קיין מיידל דאָך ניט זיין.

איך האָב דיר געגעבן
קליידער און גדן,
וואָס האָסטו גענומען
אַ שאַרלאַטאַן פאַר אַ מאַן“.

פאַרשריבן,
ישראל גרינשטיין
ווילנא.

וואר. כהן II ב. „חתן-כלה לידער“ 38.

6***

וואר. **דער שידוך.**

רעדט מען מיר אַ שידוך,
אוי, ווי גוט מיר איז,
פרייען, פרייען זיך אַלע,
די פריידע בלייבט ביי מיר.

פירט מען מיר צו דער חופה,
פירט מען מיר צוריק,
שטייען הערן, דאַמען,
זיינען מקנא מיר דעם גליק.

שבת אינדערפרי
פירט מען מיר אין שול,
ווייבלעך, יינגלעך, מיידלעך
אין אַלע גאַסן פול.

שבת נאָך הבדלה,
די פרייד איז נאָך אינגאַנצן,
דער חתן איז דער מלך,
די כלה פירט מען טאַנצן.

אין צוויי וואָכן ארום,
די גאַנצע פרייד אראָפ,
די יונגע ווייבעלע גייט ארום
די קעפעלע אראָפ.

אי, אי, אי, וואָס איך וואָלט איצט וועלן,
אי אי אי, אַ מיידעלע צוריק ווערן.

וואר. כהן 38.

7**

שטייען די קאַראָטן,
שטייען די קאַראָטן,
לעבן דער מאַמעס טיר,
קרוין מיינע, סערדצע מיינע,
זעץ זיך פאָרן מיט מיר.
ווי זאָל איך זיך זעצן
פאָרן מיט אייך,
אַז איך האָב זיך ניט געזעגנט
מיט מיין מאַמען גלייך.
זיי זשע געזונט, מאַמע מיינע,
איך בין געווען אַ טאָכטער זיינע.
קליינערהייט אויפגעצויגן,
גרויסערהייט אוועקגעפלויגן,
אוי, מאַמינקע!

שטייען די קאַראָטן,
שטייען די קאַראָטן,
לעבן דעם טאַטנס טיר,
קרוין מיינע, סערדצע מיינע,

זעך זיך פאָרן מיט מיר.
ווי זאָל איך זיך זעצן
פאָרן מיט אייך,
אַז איך האָב זיך ניט געזעגנט
מיט מיין טאַטן גלייך.
זיי זשע געזונט, טאַטע מיינער,
איך בין געווען אַ טאָכטער דיינע,
קליינערהייט אויפגעצויגן,
גרויסערהייט אַוועקגעפלויגן,
אוי טאַטינקע!

ווילנע.

8****

זיץ איך אין פענסטער,
ברענט מיר דער רוקן,
אַז דער רעכטער זיווג ניט,
איז נאָר צו קוקן.
האָט ער געטראָגן
אַ קעסטעלע מיט גאָלד,
האָב איך אים אַריינגענאַרט
ווי איך האָב אליין געוואָלט.

9*

היי, האָבער, קאָרן,
דאָבקע האָט די קלייד פאַרלאָרן,
זיסקע איז געגאַנגען, געפונען,
האָבן זיי, זיך ביידע גענומען.
היינט ווייסן מיר אַלע,
דאָבקע איז געוואָרן אַ כלה,
זיסקע איז געוואָרן אַ חתן,
אַ קויל האָט זיי ביידן דערשאָסן.

ווער. „פנקס״ נומ. 20 זייט 397

10****

הערט איר אַלע,
עלטערע ביידע,
איר נעמט אַ קינד אַ כלה
און פירט איר צו דער עקדה.
די אויגן איז פאַרבונדן,
די האַרץ איז פול מיט וואונדן,
דער טאַטע שטייט ביי דער זייט,
ער שערט און שניידט.
ער שניידט און שערט
זיינע קינדער אָן אַ צייט.

11

אָן קליידער,
אָן נדן,
אַבי מיין טאָכטער
האָט אַ מאַן!

12

אַמאָל האָט זיך איינעם געטאָן פאַרוועלן
אום יום-כפור אַ חופה שטעלן.
לאַם טאַ ראַ ראַ לאַם טאַ ראַם (2 מאָל).

ווער מיט אַ לאָפּעטע, ווער מיט אַ
רידל,
אַנשטאָט אַ באַנדורע, אַנשטאָט אַ
פידל.
לאַם טאַ ראַ ראַ לאַם טאַ ראַם (2 מאָל).

איז געקומען דער פעטער עליע מיט
די בערדל
און האָט זיך דורכגעטאַנצט ווי אַ
פערדל.
לאַם טאַ ראַ ראַ לאַם טאַ ראַם (2 מאָל).

איז געקומען די רעבעצין מיט די שניר
און האָבן געטאַנצט אויף אַלע פיר.
לאַם טאַ ראַ ראַ לאַם טאַ ראַם.

נאָך דער חופה צו די יויך,
האָט זיי געכאַפּט אַ קראַמף אין בויך.
לאַם טאַ ראַ ראַ לאַם טאַ ראַם.

אַלע האָבן פאַרשטאַנען, וואָס דאָ
קומט פאָר,
אַז זיי וועלן האָבן אַ שווארצן יאָר.
לאַם טאַ ראַ ראַ לאַם טאַ ראַם.

נ. ווירשופ.

ווער. ג. מ. 255, 256.

## VII. פאַמיליען-לידער

1***

### אַ יתום-ליד.

גייען און גייען צווישן די בלעטער,
אוי ווי שלעכט איז אָן אַ פעטער!
צוזאַנג:
אָן אַ פעטער איינער אליין,
ניטאָ מיט וועמען אַ וואָרט צו דערגיין.

גייען און גייען צווישן די בלומען,
אוי, ווי שלעכט איז אָן אַ מומען!
צוזאַנג:
אָן אַ מומען איינער אליין,
ניטאָ מיט וועמען אַ וואָרט צו דערגיין.

גייען און גייען צווישן די ימען,
אוי, ווי שלעכט איז אָן אַ מאַמען!
צוזאַנג:
אָן אַ מאַמען איינער אליין,
ניטאָ מיט וועמען אַ וואָרט צו דערגיין.

2*

### די ליד פון דער יתומהלע.

ליבע מוטער, פריד צו דיר,
איך בין געקומען דיר אָנזאָגן,
אַז היינט דאַרף זיין חתונה ביי מיר,
ביי דיין קינד, וואָס דו האָסט גע-
זוינען, געטראָגן.
איך פאַל איצט אויף די שטיינער
און טו יעדער זעמדעלע פון דיין
קבר קושן,
דיין צופוילטן קערפּער מיט דיינע
צוטריקנטע ביינער,
טו איך מיט מיינע הייסע טרערן
באַגיסן.
אָט דאָ איז דער הייליקער אָרט,
וואָס מיין מוטערס קערפּער ליגט
דאָרט
אויף דיזן הייליקן אָרט ליגט זי
געבעך דאָ.

כשרע זעלע, נידער פון הימל אַראָפּ,
שוועב אַ ווײַלע צווישן מענטשן,
מיט דיין פייערדיקע פליגעלע טו
באַדעקן דיין קאָפּ,
און קום מיר היינט צו דער חופה
בענטשן,
און זען ווי מען וועט מיר באַדעקן,
און דערלאַנגען דעם חתן די טייערע
מתנות,
קיין טרערן אין די אויגן וועט גע-
וויס ניט קלעקן,
אַז דער חזן וועט מאַכן הזכרות נשמות,
(אָט דאָ איז דער הייליקער אָרט...)

ווי גליקלעך וואָלט איך געווען
היינטיקן טאָג,
אַז דו, ליבע מוטער, וואָלסט אויף
מיין חתונה געווען,
אָבער ווי גרויס איז איצט ביי מיר
דער קלאָג,
אַז איך טו דיין קבר זען.
קלעזמאָרים שפּילן שוין ביי מיר אין
דער היים,
און יעדער ווינטשעוועט, אַז דער צוויי-
געלע זאָל זיין געראָטן,
אָבער אַז דאָ אין דער ערד ליגט
דער גאַנצער בוים,
צופודערט, צוטראָטן מיט ווערימלעך
באַשאָטן.
(אָט דאָ איז דער הייליקער אָרט...)

ווען עס איז נאָר גאַנץ די מאַשינע,
באַזיצט יעדער שרייפּעלע גאַנץ באַרוט,
פּלאַצט אָבער חלילה איינע פון די
שפּראָנזינע,
ווערט זי צושמעטערט אין דערזעלבער
מינוט.
אַזוי איז אויך ווען פאָטער און מוטער
זיינען צוזאַמען,
דאָ לעבן אַלע קינדער אין פריידן,
פעלט אָבער חלילה דער טאַטע אָדער
די מאַמע,
דאָ ליידן שוין די קינדער פיל צרות
און ליידן.
(אָט דאָ איז דער הייליקער אָרט...)

דאָס זעלבע, ליבע מוטער, האָט
געטאָן פּאַסירן,
מיט דיין פאַרהאָרעוועטן פאַרמעגן,
און איצט טוט נאָר די צווייטע
שטאָלצירן
און מיר שטייט זי אַלץ אַנטקעגן.
דיין האָב איז געוואָרן אין פיל צרות
אויסגעליטן,
מיין בעטגעוואַנט איז מיר אָנגעקו-
מען מיט גרויס לייד,
מיין ווייסגרעט איז מיט קללות באַ-
שאָטן,
און מיט טרערן איז אויסגענייט
יעדער קלייד.
(אָט דאָ איז דער הייליקער אָרט...)

דיין נעסט האָט זיך שוין איינגע-
בראָכן,
און דו, ליבע מוטער, ליגסט דאָ
פאַרדריקט,
דיינע פליגעלעך זיינען שוין פון דיר
אָפּגעקראָכן,
און די פעדערלעך זיינען פון דיר
אויסגעפליקט,
און איך, יונגע טייבעלע, שטיי נעבעך
און ציטער,
דען מיין מוטערס טויט האָט מיר
מיין הערץ גערירט,
דער לעבן איז מיר געוואָרן פאַר-
ביטערט,
ווייל איך האָב נאָך אַליין מיין וועלט
ניט אויסגעפירט.
(אָט דאָ איז דער הייליקער אָרט...)

היינט וועט זיך שוין טאָן אָפּמעקן,
אַזוי ווי יום-כיפור אונזערע זינד,
גוטע זכות אָבות זאָלן זיך שוין
דערוועקן,
זיי זאָלן אויסבעטן גיטער פאַר זייער
קינד,
אַז דער ביימעלע, וואָס מען וועט
איינפלאַנצן,
און די צווייגעלעך וואָס וועלן
וואַקסן ביי דער זייט,
זיי זאָלן אויסלעבן זייערע יאָרן אינ-
גאַנצן,
זיי זאָלן ניט אָפּגעריסן ווערן אָן
אַ צייט.
(אָט דאָ איז דער הייליקער אָרט...)

מען טוט שוין באַשטימט אויף מיר
וואַרטן,
דאָ זעגן איך זיך פון דיר מיט
גרויס געוויין,
איך קוס יעדער ביימעלע פון דיין
אייביקן גאָרטן,
און מיט מיינע טרערן באַגיס איך
יעדער שטיין,
אַז מיין געבעט זאָל שוין ווערן
אָנגענומען,
און די הייליקע נשמה זאָל אויף איר
אָרט קומען,
קומען זאָל זי אויף איר אָרט אמן,
אָמן, אָמן.

3*

סוף פון די וויגלידער 3 און 4.

גערופן האָט אים גאָט אין הימל,
קומען וועט ער נימאָלס צוריק,
טאָ וויין ניט, מיין קינד, נאָר דרעמל,
דען דו ווייסט נאָך ניט דיין גרויסן
אומגליק.

קיין פריידע וועסטו נימאָלס געניסן,
דען מיט מיר וועסטו פאַרדינען דיין
ברויט,
מיט טרערן וועסטו זיך שטענדיק
באַגיסן,
ווייל דיין פאָטער דיין יונגער איז טויט.

אויפן לעבנס-ים וועסטו טאָן שווימען,
די וואַלן זיי וועלן דיר טראָגן,
צו אַ ברעג וועסטו וועלן צוקומען,
אָבער דו וועסט זיך ניט קענען
דערשלאָגן.

אָ, יעדערער וועט דיר אָוועקשטויסן,
דען דו ביסט אַ פרעמדער, ביי, ביי!
אוי, אַ זיפץ וועסטו טאָן אַ גרויסן,
דען איך בין אַ יתום, אוי ווי.

4*

לעבן בית עולם אונטער אַ מצבה,
שטייט און קלאָגט אַ יונגע נקבה,
זי וויינט און קלאָגט מיט אַ ביטער
הערץ,
ליבע מוטער, הער צו מיין שמערץ!

ליבע מוטער, דו קענסט זיך ניט
פאָרשטעלן,
ווי מיר אַלע טוען זיך קוועלן.
מיר וויינען, מיר שרייען און מיר
קלאָגן,
ווען די שטיפמוטער טוט אונז שלאָגן.

אוי ווי איז צו מײַנע יאָרן,
צוואו אונזער טרייע איז פארפאָרן,
הער צו, טרייע מוטער, מײַנע רייד,
גיב איבער דארטן אונזערע לייד.

דער טאטע איז א גוטער,
די מאמע א מרשעת,
שילט א גאנצן טאָג,
ס'איז פול די גאס.

איך שטיי לעבן דײַן קבר און איך ציטער,
גיב מיר אן ענטפער, ליבע מוטער.
איך וועל בלייבן ליגן אויף דײַן קבר,
ביז וואנען עס וועט אפשטארבן יעדער אבר.

מערעטש 1913.

4*

א.

די גאס איז שווארץ, מיט מענטשן פיל,
דער טויטער ארון שטייט,
אלטע ווייבער וויינען,
און מענטשן שטייען טרויעריק און שטיל.

דעם ארון האט מען ארויסגעבראכט,
דער וואגן האט זיך שנעל געריהרט,
פון דערהויך הערט זיך,
ווי דאס קינד וויינט און רעדט:
„אוי ווײַ, מאמע,
קום צוריק, מאמע,
איך וויל דיר זען,
הערסטו ניט ווי איך וויין,
עלנט בין איך ווי א שטיין!
אוי ווײַ, מאמע,
קום צוריק, מאמע,
איך וויל דיר זען,
איך זע, אז דו קענסט ניט קומען צו מיר,
סא נעם מיר צו זיך!"

ב.

דער פאטער האט זיך שנעל געטרייסט,
ער האט פארהייראטעט באלד,
יי מאמע, זי איז אפגעשטארבן,
פון דעם קינד ווערט א תל.

די צווייטע מאמע, די מרשעת,
זי שילט זיך און זי שלאגט,
און די שטילע שטונדן פון דער נאכט,
וויינט דאס קינד און רעדט:
„אוי ווײַ, מאמע,
קום צוריק, מאמע,
איך וויל דיר זען,
הערסטו ניט ווי איך וויין,
עלנט בין איך ווי א שטיין!
אוי ווײַ, מאמע,
קום צוריק, מאמע,
איך וויל דיר זען,
איך זע, אז דו קענסט ניט קומען צו מיר,
סא נעם מיר צו זיך!"

ג.

דאס קינד איז איצט געפערלעך קראנק,
ס ליגט אויף איר טויטע בעט.
וואס דאס קינד האט צורעדט,
האט דאס קיינער קיין געדאנק.

צייט צוויי, דריי טעג, ווי דער טויט
האט איר געמוטשעט,
קיינער האט פון איר ניט געוואוסט,
ענדלעך איז זי אפגעשטארבן מיט די
ווערטער, וואס זי האט צורעדט:
„אוי ווײַ, מאמע,
קום צו מיר, מאמע,
איך וויל דיר זען,
הערסטו דען ניט, ווי איך וויין,
עלנט בין איך ווי א שטיין!
אוי ווײַ, מאמע,
קום צו מיר, מאמע,
איך וויל דיר זען,
איך זע, אז דו קענסט ניט קומען צו מיר,
סא גיי איך שוין צו דיר".

5*

די לבנה זי קוקט אראפ בלאס און קאלט,
דער הימל איז רויט אזוי ווי בלוט,
שטום ווי דער טויט שטייט דער וואלד,
און דער ווינט זיפצט און קרעכצעט יעדער מינוט.

שווארצע וואלקנס טראגן ביטערע טרערן,
און אין הימל קלאגן אלע שטערן,
אוי, שווארץ פארוויסט גייען מענטשן דארט,
מען הערט נאר פושקעס קלינגען,
מען טראגט א מת צום הייליקן ארט,
און „צדקה תציל ממות" טוט מען זינגען.

אוי, אנגעשפארט אויף זײַן שטעקעלע מיט א ציטערניש,
שלעפט זיך נאך אן אלטער מאן,
ער וויינט און קלאגט מיט א ביטערניש,
אוי, צעבראכן, קאַם וואס ער גיט א שפאן.

נאך דער מטה שלעפט ער זיך,
און חלשט אלע מינוט,
ווייל דארטן ליגט פארוויקלט אין א טוך,
פון זײַן איינציק קינד דאס בלוט.

אוי, ער ווערט צוגאסן פון זײַן געוויין,
ער וואלט וועלן זײַן קינדס גרוב מיט טרערן אנגיסן,
קינדער, זאגט ער, מײַן נשמה זאל מיר אויסגיין,
איך זאל כאטש קענען ליגן בײַ מײַן קינד צופוסן.

אוי, אייז קאלט, אייז קאלט, ליגט ער אין זײַן געצעלט,
און די נשמה שוועבט נאך ארום אויף דער וועלט,
ער ליגט אצונד בשלום געוויקלט אין ווייסע טוך,
דעם אלטן טאטנס געלדערנער חלום,
איז צוועקגעפלויגן אויף גיך.

אוי, דאס איז מײַן בן־יחיד, וואס
איז מיר אזוי ליב,
זאל אזוי גיך אין דער ערד ליגן,
— גרעבער—זאגט ער—גראבט א גרוב
פון מײַנטוועגן,
אוי, אזא יונגער ביימעלע זאל פאלן
אזוי גיך פון זײַן שווערד,
און אזא יונגער צווייגעלע זאל פוילן
אזוי גיך אין דער ערד.

אוי, קלאגט, קינדער, אויף דעם
אלטן פאטער,
ער לייגט אין דרערד אן אוצר ווערט,
איר האט דאך אויכעט קינדער צו
לייטן,
עס זאל אייך חלילה ניט ווערן פאר־
שטערט.

6***

## אַ ליד פון אַ יידישער פרוי

זיצן זיך איך מיר
אין מײַן קליינע שטיבעלע,
און איך טו זיך מיר
מײַן לעבן באקלאגן,
וואס מע האט מיר
אזא מאן געגעבן.

אליין קאכן, באקן,
אליין האלץ האקן,
ניאנטשעגען די קינדער,
יעדערן באזונדער.

דעם שלאפן לייגן,
דעם פארמאכן די אויגן,
דעם פישן פירן,
דעם די קעפל שמירן,
דאס איז נאך ניט גאר—
דערצו א ברית אלע יאר.

7**

אמאל איז געווען א מעשה אזוי און אזוי,
אז א מאן האט אוועקגעווארפן א יונ־גינקע פרוי,
איז זי געגאנגען וואלד אויס און וואלד איין,
ביז זי איז געקומען אין א געדיכטן וואלד ארײַן,
האט זי געהערט פייגעלעך זינגען,
פון גרויס ביז קליין, פון גרויס ביז קליין,
האט איר אנגענומען א גרויס שרעק
און גרויס געוויין.
איז זי ווײַטער געגאנגען ביז זי איז געקומען,
אין א יידישער שטעטעלע ארײַן,
האט זי דארט געפונען א יידישן מלך, א יידישן מלך,
האט זי געבעטן די שליסעלעך פון די חדרים,
און האט איבערגעלייענט אלע גראבע ספרים,
האט זי געגומען בריוועלעך שרייבן,
אז א יידישע טאכטער זאל קיין עגונה ניט בלייבן.

ווער. ג. מ. 272.

8**

אויפן וואסער ביימער וואקסן,
אויף די ביימער עפל,
אז דער אלמן נעמט די מיידל,
נעמט ער איר אראפ די קעפל.

אויפן וואסער ביימער וואקסן,
אויף די ביימער בארן,
אז דער אלמן נעמט די מיידל,
הייבט זי אן צו דארן.

אויפן וואסער ביימער וואקסן,
אויף די ביימער גדוילן,
אז דער אלמן נעמט די מיידל,
הייבט זי אן צו פוילן.

9*

## די שלעכטע שוויגער.

גיי איך מיר אין יאטקע,
פאל איך אויפן קלאטקע,
גיי איך מיר צוריק
פאל איך אויפן ב־־יק.
ברענג איך פלייש,
זאגט זי, אז ס'איז ביינער,
טראג איך אפ,
דערלאנגט זי מיר אין די ציינער.
אוי ווײַ, ווי ביטער איז מײַן לעבן,
איך ווייס ניט ווי מײַן שוויגער
כבוד אפצוגעבן.

האק איך פארפל,
זאגט זי, אז ס'איז קוואטש,
האק איך ניט,
גיט זי מיר א פאטש.
אוי ווײַ, א. אז. וו.

קער איך די שטוב,
זאגט זי, אז איך דריי זיך,
קער איך ניט,
זאגט זי, אז איך פריי זיך.
אוי ווײַ, א. אז. וו.

גיי איך פאמעלעך,
זאגט זי, אז איך בין א למך,
גיי איך מיר אויף גיך,
צערייס איך דריי פאר שיך.
אוי ווײַ, א. אז. וו.
לאה חס.

10***

מחותנתטע איר שיינע,
מחותנתטע איר פיינע,
צו אייך פארן האב איך ניט קיין מורא,
כאטש איך האב געהערט איר זייט
א שלעכטע שוויגער,
נאר איך בין אבער אויך די בעסטע
סחורה.

מחותנתטע איר שיינע,
מחותנתטע איר פיינע,
אייער זון קומט אן צו מיר פאר
אן איידים,
און איך גיב אייך מײַן טאכטער
פאר א שנור,
פאר קיין שכנים זאלט איר אים (זי)
ניט בארײַדן.

מחותנתטע איר שיינע,
מחותנתטע איר פיינע,

מחותנתטע איר שיינע,
מחותנתטע איר פיינע,
איין זאך וויל איך ביי אייך פועלן,
אז איר וועט דערזען אן עוולה פון מיין טאָכטער,
פאַר קיינעם זאָלט איר דאָס ניט דערציילן.

דאָס לידל ווערט געזונגען מיט אַ ניגון אין מאַריאַמפּאָל.
איבערגעגעבן
סאָניע כ״ץ.
פאַרשריבן
י. ברוידעס.

1****

אַ שנור מיט אַן איידים,
איז אַ פּאָר שדים,
אַ שוויגער מיט אַ שווער
איז נאָך מער,
אַ שוואָגער מיט אַ ברודער
איז אַ געררודער.

12

אַ זון איז אַ גרונט,
אַ איידים איז אַ הונט,
אַ טאָכטער איז נישט,
אַ שנור איז מיסט.
א. בולקין.

וואַר. אַ טאָכטער איז אַ שלים,
אַ שנור איז אַ מום.

13

דו, מיין ווייב, כלאָבע די געדיכטע,
איך וועל דיר דערציילן אַ שיינע געשיכטע,
ניט פון היינט, ניט פון מאָרגן,
ווער דערשטיקט, ווער דערוואָרגן.
ה. גאָמאַרסקי.

14*

גוט באַגראָבן,
גוט באַגראָבן,
ווער האָט דיר געהייסן
חתונה האָבן,
ווער האָט דיר גענויט,
ווער האָט דיר גענויט,
דו האָסט זיך אַליין
דעם קאָפּ פאַרדרייט.
דאָמבראָוויץ.

15**

## די בריוועלעך פון רוסלאַנד.

אוי, מיין טייערער מאַן,
אין דער ערד זאָלסטו אַריין,
אַן יאָרן זאָלסטו דאָרטן פאַרבלייבן,
וויפיל איז דער שיר,
צו בעטן זיך ביי דיר,
דו זאָלסט מיר אַ בריוועלע אָנשרייבן.
איך וויין און קלאָג ביינאַכט,
נאָר איך ליג און טראַכט,
אפשר קאָנסטו אַן מיר ניט לעבן,
בעט איך דיר, מיין מאַן,
זאָלסט אַזוי גוט זיין
און מיר אַן אַנטוואָרט געבן.
אוי, די בריוועלעך אין רוסלאַנד,
זיינען פול מיט ליידן און מיט שמערץ,
מיט פיל געוויין און מיט טרערן,
קיין פריילעך וואָרט צו הערן,
אוי, די בריוועלעך פון רוסלאַנד!
הער דו נאָר, ימח-שמוניק,
אַך, דו, כלי-בוניק,
ווי אַ פייער זאָלסטו ברענען,
אַ קלאָג צו דיינע יאָרן,
וואָס דו ביסט אַוועקגעפאָרן
און צו מיר ווילסטו צוריק ניט קערן.
די קינדער בעטן עסן
און דו האָסט זיך שוין פאַרגעסן,
עס איז ניטאָ קיין ברויט צום לעבן,
פאַרזעצט האָב איך שוין אַלעס,
אפילו דיין טלית,
און דו ווילסט מיר קיין אַנטוואָרט ניט געבן.
אוי, די בריוועלעך פון רוסלאַנד!
שרה די גראָבע
און די שוואַרצע דאָבע,
זיינען שוין גליקלעך געוואָרן,
די מענער האָבן זיי באַגליקט
און פיל געלט צוגעשיקט,
קיין ניו-יאָרק זיינען זיי געפאָרן,
און איך זיץ פאַרשפּאַרט
און זיץ און וואַרט און וואַרט,
פון דער דירה האָט מען מיר שוין אַרויסגעטריבן,
משהלע איז שלאָף,
איך קוק אויף דעם הימל אַרויף
און דו ווילסט מיר קיין אַנטוואָרט ניט געבן,
אוי, די בריוועלעך פון רוסלאַנד!
אפשר האָסטו דאָרט
אַ צווייטע אויף מיין אָרט,
פאַרגין איך דיר די אַמעריקאַנער גליקן,
דו זאָלסט ניט מיינען,
אַז איך וועל נאָך דיר וויינען,
אָבער אַ גט דאַרפסטו מיר דאָך שיקן,
נעם איין אַ מיתה-משונה
אין דער גאָלדערנער מדינה,
מיר וועט גאָט אַ צווייטן געבן,
איך ווער פּטור פון אַזאַ צרה,
פון מיר דיין ווייב חיה-שרה,
למען-השם אַנטוואָרט געבן,
אוי, די בריוועלעך פון רוסלאַנד!

(געהערט פון אַ היימלאָזן פון וואָלאָדאָווע (פוילן) אין מינסק, יאָר 1916)

16*

I. וואַר.
האָט אַ ייד אַ ווייבעלע,
האָט ער פון איר צרות,
האָט אַ ייד אַ ווייבעלע
טויג זי אַף כפּרות.

II. וואַר.
האָט אַ ייד אַ ווייבעלע,
האָט אַ ווייב אַ יידעלע,
האָט אַ ייד אַ ווייבעלע,
האָט אַ ווייב אַ יידעלע.

אַזוי ווי מ׳האָט מיר חתונה געמאַכט,
האָט מען פון מיר געשפּאָט און געלאַכט.
האָט אַ ייד אַ ווייבעלע...

און וואָס איז געווען דאָס שפּאָטן מיטן לאַכן,
שרהל, מיין ווייב, קען קיין קוגל ניט מאַכן.
האָט אַ ייד אַ ווייבעלע...

ווי עס איז געקומען שבת צום עסן,
האָט שרהלע דעם קוגל אין אויוון פאַרגעסן.
האָט אַ ייד אַ ווייבעלע...

פון מאָנטאָג אינדערפרי ביז פרייטאָג אויף דער נאַכט,
האָט מיין ווייב דעם קוגעלע געמאַכט.
האָט אַ ייד אַ ווייבעלע...

האָב איך גענומען אַ שטעקן מיט צוויי עקן,
און האָב שרהלען מיין ווייב אָנגעהויבן דעקן.
האָט אַ ייד אַ ווייבעלע...

האָט זי געכאַפּט די פלייש מיט די שקראַבעס,
און איז אַנטלאָפן אין מקוה אויף שבת.
האָט אַ ייד אַ ווייבעלע...

אוי, מיין מאַן, זאָל אַזוי לעבן אויף דער וועלט,
אויב דער קוגל מאַכן קאָסט מיר אַ גראָשן געלט.
האָט אַ ייד אַ ווייבעלע...

האָב איך אָנגעהויבן צו טראַכטן, צו דענקען,
ווי אַזוי מ׳זאָל שרהלען צוריק אַהיים ברענגען.
האָט אַ ייד אַ ווייבעלע...

אוי, מיין מאַן, אַ ריס דיר אין לייב,
צוליב אַ קוגל מאַכן שניידט מען אַזוי אַ ווייב.
האָט אַ ייד אַ ווייבעלע...

האָב איך שרהלען צוריק אַהיים געבראַכט,
און בין מיט איר שפּאַצירן געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט.
האָט אַ ייד אַ ווייבעלע...

17****

ביי ר׳ לייבן גייט שיין צו,
ווען מ׳דאַרף עסן,
שטעלט מען צו;
ווען מ׳דאַרף טרינקען,
שיקט מען נאָך מעד און וויין,
ווען מ׳דאַרף שלאָפן,
פאַלט די בעטעלע איין.

18****

אַנשטאָט קופּער אַנשטאָט צין
הענגט אויפן וואַנט אַ קרענאָלין,
שאַ, מיין טאָכטער, ניט וויין,
איך וועל דיר מאַכן אַ ספּאָדניצע פון ביין,
וועסטו מאַכן ווי די גבירישע קינדער.

19****

## דער שיכור.

אַן אָרימאַן האָט זיך אָנגערופן
צו זיין ווייב מיט שכל:—
„איבעריקע געריכטן
בין איך דיר מוחל,
דו זאָלסט אָפּשפּאָרן
פון יעדן געריכט,
פון פיש, פון פלייש,
פון קאַשע, פון ליכט,
ביי מיר איז דאָס דער רעכטער עיקר,
שבת צום טיש
זיין אַ ביסל שיכור“
האָט ער זיך גענומען
בראָנפן אַ ביסל,
האָט ער באַקומען אַן אַפּעטיט,
ער כאַפּט זיך צום שיסל
ער געפינט גאָרניט.

20****

פאַרטאָג, פאַרטאָג,
דעם שיינקעלע טו איך ניט פאַרמיידן,
די ווייב זי וויל ניט ליידן,
גוואַלד, אַ שנאַפּס מוז זיין!
אפשר האָב איך געזינדיקט,
געזינדיקט מיט דערמיט,
האָב געטרונקען געטרונקען,
פאַרביסן האָב איך ניט.
אַ בענזעלע אַ פרישע
און בראָנפן אויפן גלאָז,
גוואַלד, דאָס איז ניט קיין מיאוסע
וואו נעמט מען דאָס?
ח. לונסקי.

21*

## דאָס ליד פון דעם יתום.

עס בלאָנדזשעט אַרום אַ מענטש אויף דער וועלט,
ער גייט פון לאַנד צו לאַנד,
ער ליידט בעבעך הונגער און קעלט,
. . . צו שפּאָט און צו שאַנד.

קיינער האָט מיט אים קיין מיטלייד ניט,
קיינער האָט אים ניט ליב,
מע דריקט אים, מע שטיקט אים אויף יעדן טריט,
מע לאָזט אים ניט אַריין אין קיין שטיב.

—ווער ביסטו עלנטער?—פרעגט מען אים.
וואָס האָסטו ניט קיין באַרוף?
איין תירוץ ענטפערט ער אומעטיק:
ווייל איך בין אַ יתום, מיין פאָטער איז ניטאָ! (2)

ניט אַלע מאָל בין איך עלנט געווען,
ניט שטענדיק האָב איך אומגליק געפילט,
מיט יאָרן צוריק ווען איר וואָלט מיר געזען,
וואָס פאַר אַ ראָלע איך האָב געשפּילט

מיין פאָטער האָט מיך צערטלעך געליבט,
אין גאָלד האָט ער מיר געקליידט,
ווען דאָן האָט מיר נאָר איינער באַטריבט,
זאָ איז שוין דער שטראָף פאַר אים געווען גרייט.

ווי אַ שיינע בלום האָב איך געבליט,
איך האָב ניט געוואוסט פון קיין שלעכטער שעה,
יעצט פאַרגיסט מען ווי וואַסער מיין בלוט,
ווייל איך בין אַ יתום, מיין פאָטער איז ניטאָ!

א נאָמען האָב איך דאָן געהאַט אויף
דער וועלט,
פֿאַר מיר האָבן זיך פֿירשטן געבויגן,
די שענסטע דאַמען מיט פֿיל געלט,
האָבן מיך צו זיך געצויגן.
אין גילדערנע פּאַלאַצן האָב איך מיר
געוואוינט,
אַלע האָבן מיר חניפה געגעבן,
אַזוי ווי אין אַ קיניגלעכן קרוין וואָר
איך באַקרוינט,
איך האָב פֿאַרבראַכט אַ גליקלעכן
לעבן.
דער גליקלעכסטער בין איך דאַמאָלסט
געוועזן,
איך בין דיקער געוואָרן אין יעדער
שעה,
יעצט מוטשעט מיר יעדערער ווער
נאָר קען,
ווייל איך בין אַ יתום, מיין פֿאָטער
איז ניטאָ!

ווען די וועלט איז נאָך געווען בלינד,
אַלע זייגען נאָך אין דער פֿינסטער
געזעסן,
ווען מ'האָט נאָך צו אָקסן געדינט,
איינער דעם צווייטן האָט געגעסן,
דאַמאָלסט בין איך שוין קלוג געווען,
איך האָב דערקענט דעם גרויסן גאָט,
וועלכער ער פֿירט די וועלט גאַנץ
שיין,
שאַפֿט איבער לעבן און טויט,
איך האָב אַלעמען צו פֿאַרשטיין
געגעבן,
אַז גאָט הערשט אין הימל און דאָ,
און יעצט פֿאַרוויסטן מיר אַלע מיין
לעבן,
ווייל איך בין אַ יתום — מיין פֿאָטער
איז ניטאָ!

אָך, האָט רחמנות, מענטשן, האָט
מיטלייד מיט מיר,
גענוג שוין צו טרינקען ווי וואַסער
מיין בלוט,
עפֿנט שוין אויף פֿאַר מיר די טיר,
און לאָזט מיר אַריין אין אַ שטוב.

איר באַטראַכט זיך נאָר מיט אַ ריי-
נעם פֿאַרשטאַנד,
פֿאַרוואָס דריקט איר מיר פֿון זיך
אַוועק,
שטרעקט מיר אויסעט פֿריינדלעך אַ
האַנט,
און מאַכט שוין צו מיינע צרות אַן
עק.

איך וויל אַרבעטן, פֿאַרדינען מיין
ברויט,
לאָזט מיר כאָטש האָבן איין גוטע
שעה,
האָט רחמנות, דען איך בין שוין האַלב
טויט,
אוי, איך בין אַ יתום, מיין פֿאָטער
איז ניטאָ!

דאָס ליד איז געווען זייער פּאָפּולער
אין די 90-סטע יאָרן פֿון פֿאַריקן
י. ה. איבערגעגעבן דאָס ליד האָט
מיר מיינער אַ שילער. זיין מוטער
פֿלעגט דאָס אַמאָל זינגען. אייניקע
פֿערזן פֿון דעם ליד האָב איך אויך
געהערט פֿון אַנדערע.

22*

די שטיפֿמוטער.

עס איז געקומען די הייליקע טעג,
בין איך געפֿאָרן אויף קבר-אָבות,
עס איז געקומען אין מיטן וועג,
האָב איך פֿאַרגעסן מיינע מחשבות.

עס איז מיר געוואָרן שלים
און עס ציטערט אין מיר יעדער אבר,
הער איך איין טרויער שטים
פֿון אַ פֿרישן קבר.

די שטימע איז מיר באַקאַנט,
פֿון איין יונגע קינפּעטאָרן,
וואָס זי האָט ניט לאַנג, ניט לאַנג
אַ קינד געבאָרן.

זי ליגט זיך אין איר הייליקן אָרט,
און זי זינגט זיך לידער,
און ווי איך וויל נעענטער צוגיין,
ציטערט מיר אבר און גלידער.

וואו איז דאָס מיין קינד,
וואָס איך האָב אים געזויגן,
וואו איז מיין הויזגעזינט,
ווארים קומען זיי מיר ניט איבער-
לייגן.

אויך דו, מיין מאַן, דו גוטער,
ווי קענסטו אָן מיר לעבן,
דיינע קליינע יתומים,
צו אַ צווייטע שטיפֿמוטער אָפּגעבן.

אַז מיין קינד פֿלעגט זיך איינשפּאַרן,
אַז זי וויל אַ טעלער צוברעכן,
וועמען פֿלעגט דאָס אָרן,
נאָר זי זאָל כאָטש די הענטעלעך
ניט פֿאַרשטעכן.

יעצט אַז מיין קינד טוט אָן אַ שאָדן,
דאַרף זיין דער הימל אָפֿן,
די שטיפֿמוטער טוט זיך אין זיינע
טרערן באָדן,
אויף בעסערס איז ניטאָ צו האָפֿן.

ב. ווירשופּ.

23*

איך טו יעצט אַרויסגעבן איין ליד,
איין טראַגעדיע שפּיל,
די ביאָגראַפֿיע פֿון מיין לעבן צו
דערציילן איז פֿאַראַנען זייער פֿיל,
פֿיל צרות אין דער וועלט איז פֿאַראַנען,
וואָס אַ מענטש איז שולדיק אין
דערינען,
צו יעטווידער שמערצונג, צו יעטווי-
דער פּיין מוז מען טרייסט געפֿינען,
איך האָב אויך אַמאָל געהאַט ליידן
און איך דערצייל דאָס אין פֿריידן,
און איך פֿריי מיר ווען איך זינג
מיר דאָס ליד,
און זינט איך וועל לעבן, וועל איך
אַלע מאָל אַרויסגעבן,
און איך וועל קיינמאָל ניט ווערן מיד,
אוי-אוי-אוי, עס איז ביטער ווי דער
טויט,
צו בלייבן אַ יתום קליינערהייט.

אַז מיין מוטער האָט מיר געבאָרן,
איז זי אַלט געווען 40 יאָר,
און אַז זי איז אין רוהע געפֿאָרן,
אַ יתום האָט זי מיר געלאָזן גאָר.
אין פֿרעמדע הענט בין איך אָנגע-
קומען,
ביי די אַס בין איך געווען אַ צייט,
מיין פֿאָטער האָט שוין אַ צווייטע
פֿרוי גענומען,
און האָט שוין גאַרניט געקוקט אין
מיין זייט.
אַ קינד פֿון דער וויג בין איך גע-
וועזן קליג,
איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז איך האָב
ניט קיין מוטער,
איך האָב אויסגעפּלאַצט מיט אַ געוויין,
און קיינער האָט גאַרניט געקענט
פֿאַרשטיין,
אוי, ווי מיר איז דאַמאָלסט געווען
ביטער,
אוי-אוי-אוי! עס איז ביטער ווי
דער טויט,
צו בלייבן אַ יתום קליינערהייט.

ווי איך בין עלטער געוואָרן, האָט
מען שוין מיר פֿון דער אָם געבראַכט,
אַ מיטל האָט די שטיפֿמוטער מיר גע-
זוכט צו פֿאַרדאַרבן,
אַז איך זאָל ניט זיין מיט אירע
קינדער גלייך.
קללות האָט זי געגעבן וויפֿיל אין
דער וועלט איז פֿאַראַנען,
אָנשטאָט עסן האָט זי געגעבן קלעפּ אַ סך,
און אַז אַ מוטער איז ניט דערביי,
איז שוין דער פֿאָטער ניט געטריי,
איר קענט זיך פֿאַרשטעלן ווי מיר
איז דאַמאָלסט געווען ביטער;
אוי-אוי-אוי, עס איז ביטער ווי
דער טויט,
צו בלייבן אַ יתום קליינערהייט.

ווי איך בין דרייצן יאָר אַלט געוואָרן,
איז מיר געוועזן פֿינסטער און ביטער,
די שכנים פֿון גאַס האָבן מיר עצות
געגעבן,
אַז איך זאָל מיין ברויט פֿאַרדינען.
— פֿאָר צוועק וואו דיינע אויגן וועלן
דיר טראָגן,
אומעטום איז דאָך דאָ אַ וועלט,
דו דאַרפֿסט דאָך די שטיפֿמוטער האָבן
אָף קלאָגן,
וואו דו וועסט קומען וועסטו פֿאַר-
דינען דיין געלט.
ווי איך בין געקומען צו אַ שטאָט,
איך לויב און דאַנק גאָט,
וואָס איך בין פּטור געוואָרן פֿון
אַזאַ טיראַן,
אוי-אוי-אוי, גוואַלד, עס איז ביטער
ווי דער טויט,
צו בלייבן אַ יתום קליינערהייט.

## VIII. פֿריזיוו-און סאָלדאַטן-לידער.

1*

א.

זיי זיך מיר געזונט, מיין ליבסטער
פֿאָטער,
אוי וויי, געוואַלד!
אָט ערשט וועסטו זיין אויף דריי
יאָר פּטור,
אוי וויי, געוואַלד!

ב.

זיי זיך געזונט, מיין ליבסטע מוטער,
אוי וויי, געוואַלד!
ביי דיר בין איך געווען דער בע-
סטער און דער גוטער,
אוי וויי, געוואַלד!

ג.

זיי זיך געזונט, מיין ליבסטער ברו-
דער,
אוי וויי, געוואַלד!
נאָך מיר זאָל זיין קיין גערודער,
אוי וויי, געוואַלד!

ד.

זיי זיך געזונט, מיין ליבסטע שוועס-
טער,
אוי וויי, געוואַלד!
ביי דיר בין איך געווען דער גוט-
סטער און דער בעסטער,
אוי וויי, געוואַלד!

ה.

זיי זיך געזונט, מיין ליבסטע כלה,
אוי וויי, געוואַלד!
נאָך דיר וועל איך בענקען מער ווי
נאָך אַלע,
אוי וויי, געוואַלד!

ו.

זייט זיך געזונט, מיינע ליבסטע
שכנים,
אוי וויי, געוואַלד!
אַ טייל וועלן לאַכן, אַ טייל וועלן
וויינען,
אוי וויי, געוואַלד!

ווער. ג. מ. 345.

2**

וואַריאַנט.

א.

זיי שוין געזונט, מיין טייערער פֿאָטער,
אוי וויי, געוואַלד!
דו ווערסט דאָך שוין פֿון מיר אין
גיכן פּטור,
אוי וויי, געוואַלד!

ב.

זיי שוין געזונט, מיין טייערע מוטער,
אוי וויי, געוואַלד!
מיר איז דאָך שלעכט און דיר איז
דאָך ביטער,
אוי וויי, געוואַלד!

ג.

זיי שוין געזונט, מיין טייערער ברו-
דער,
אוי וויי, געוואַלד!
מאַך ניט קיין רעש און קיין גערו-
דער,
אוי וויי, געוואַלד!

ד.

זיי שוין געזונט, מיין טייערע שוועס-
טער,
אוי וויי, געוואַלד!
דו ביזט דאָך ביי מיר דאָס שענסטע
און דאָס בעסטע,
אוי וויי, געוואַלד!

ה.

זיי שוין געזונט, מיין טייערער פעטער,
אוי וויי, געוואלד!
מיר וועלן זיך זעגענען ביידע שפעטער,
אוי וויי, געוואלד!

ו.

זיי שוין געזונט, מיין טייערע מומע,
אוי וויי, געוואלד!
איך פאָר שוין אוועק אין אַ ווייטע מדינה,
אוי וויי, געוואלד!

ז.

זיי שוין געזונט, מיין טייערער זיידע,
אוי וויי, געוואלד!
מיר זעגענען זיך שוין אָפּ אַף אייביק ביידע,
אוי וויי, געוואלד!

ח.

זיי שוין געזונט, מיין טייערע באָבע,
אוי וויי, געוואלד!
מען טוט דאָך מיר שוין אָן אַ סאָלדאַטסקע גאַרדעראָבע,
אוי וויי, געוואלד!

ט.

זיי שוין געזונט, מיין טייערע כלה,
אוי וויי, געוואלד!
נאָך דיר וועל איך בענקען מער ווי נאָך אַלע,
אוי וויי, געוואלד!

3*

פרייטאָג צו נאַכט עסט מען פיש,
אוי וויי, געוואלד!
מע טרייבט אונז אוועק פון טאַטנס טיש,
אוי וויי, געוואלד!

פרייטאָג צו נאַכט עסט מען צימעס,
אוי וויי, געוואלד!
מע טרייבט אונז אוועק אין די ווייטע מדינות,
אוי וויי, געוואלד!

פרייטאָג צו נאַכט עסט מען לאָקשן,
אוי וויי, געוואלד!
מע טרייבט אונז אוועק אַזוי ווי די אָקסן,
אוי וויי, געוואלד!

פרייטאָג צו נאַכט עסט מען פלייש,
אוי וויי, געוואלד!
עס גיסט זיך פון אונז טרערן און שווייס,
אוי וויי, געוואלד!

וואר. כהן II סאָלדאַטן-לידער 7.

4****

איך זיץ אין צימער און קלער מיר,
פּלוצלונג קלאַפּט מען אין טיר,
די דיגעס מיט די פּיקעס אַנטקעגן מיר.
זייט געזונט, פאָטער און מוטער,
איך ווער פון דער ליכטיקער וועלט פּטור.
זייט געזונט, שוועסטער און ברידער,
מיר וועלן זיך שוין ניט זען ווידער.

אַ שרעק, אַ שרעק, איך האַלט ניט אויס,
איך לאָז יתומים, ווי די וועלט איז אויס.

5**

ווי דער נאַבאָר איז געקומען,
געקומען זיינען אַלע פאַרגיסן טרערן הייסע,
פון קולות און געוויין
קען יעדערער פאַרשטיין,
אַז דאָס רופט זיך אָן פּרייאָם.
עס קומען אַזוינע
רייכע און געמיינע,
עס קומען פון דער גאַנצער וועלט,
מען בראָסיעט די געשעפטן
און מען בלייבט אָן קרעפטן,
עס קאָסט אָפּ אייגנסן געלט.
מען האָט מיר אויך ניט פאַרפעלט,
אונטערן מאָס אַרונטערגעשטעלט,
מיט אַ ברעטל מיין קאָפּ צוגעדריקט,
איך האָב שוין ניט קיין כּוח,
עס שפּאַלט זיך מיר דער מוח,
און איך ווייס ניט, וואָס זאָל איך טאָן,
מען האָט מיר אַריינגעשריבן אין די ביכער,
איך זאָל לויפן וואָס גיכער,
איך זאָל זיין צוגעגרייט, וואָס שנעלער אַהין,
ס'איז אַ גזר מן השמים,
און אַ דין פון ירושלים,
אַז מ'מוז דינען דעם קייסער גיין.

ל. געלפעלד
ווילנע.

6*

ווי איך בין איינאונצוואַנציק יאָר געוואָרן,
האָט מיר גענומען מיין מוח שפּאַלטן,
צי זאָל איך זיין אַ סאָלדאַט,
צי זאָל איך זיך פאָרן באַהאַלטן.

מיינע עלטערן האָבן מיר געהייסן,
פאָרן אין די ווייטע לענדער,
אַז איך זאָל ניט דאַרפן זיין קיין סאָלדאַט
און ניט טראָגן די סאָלדאַטסקע העמדער.

ווי מ'האָט מיר צום פּרייאָם אַרויפגעפירט,
האָט מען געגעבן אַ קוק אויפן טיש,
מע האָט זיך מיר געהייסן אויסטאָן,
איז מיר געוואָרן שוואַך מיינע פיס.

ווי דער פּרייאָמסטשיק איז צו מיר צוגעגאַנגען,
האָט ער דערלאַנגט אַ געשריי
„פּריניאַט",
אוי, דאָ בין איך שוין אין זיין נעץ געפאַנגען,
איך האָב שוין דעם נאָמען סאָלדאַט.

ווי מע האָט אונז אין קאַזאַרמע אַריינגעבראַכט
און מע האָט אונז בעלייגט שלאָפן,
אַזוי האָט מען איבער אונז אַ פּאַווערקע געמאַכט,
צי איז איינער פון אונז ניט אַנטלאָפן.

און אַז איך בין אינדערפרי אויפגעשטאַנען,
די זייטן טוען מיר וויי,
איך גיי אַרום מיט אַ צעבראָכענעם קערפּער
פון די נאַרע—סעניק מיט שטרוי.

ווי מען האָט מיר אין נאָרקוכנע אַריינגעפירט,
און מע האָט מיר געגעבן עסן,
אוי, אַז איך האָב אינדערהיים אַ כּלה געלאָזן,
ווי קען איך זיך אָן איר פאַרגעסן.

אָך, עס איז ניטאָ די מינוט און די ווײַלע,
וואָס דו גייסט מיר פון זינען אַרויס,
אַז איך דערמאָן זיך דאָס מיר קאָנען זיך ניט זען,
גייט אין מיר מיינע כּוחות אויס.

## IX. היסטאָרישע לידער.

1*

איך גיי אַרויס אויפן גאַס,
די אייגעלעך נאַס,
דאָ זיצט אַ מיידל אַ שיינע.
אָך, דו מיידל, וואָס ביסטו אַזוי איידל,
וואָס איז אַזוי טרויעריק דיין מינע?
דיין שיינע פיגור,
דיין אדעלע נאַטור,
דו פּאַסט גאָר צו זיין אַ קצינה.
אָך, אין קיעוו געבאָרן, ערצויגן געוואָרן
אויף דעם שענסטן אָרט,
און דאָ נעבעך פאַר שאַנד
שטעל איך אויסעט מיין האַנט
צו בעטן אַ נדבה געלט.
אָך, גאָט, דערבאַרים זיך איבער מיין עלנט,
און גיב מיר אַ בעסערע וועלט,
אוי, די ווילדע קאַצאַפּעס
מיט זייערע לאַפּעס, זיי האָבן אַלעס פאַרדאָרבן,
די הויז צעבראָכן, דעם פאָטער דערשטאָכן,
די מוטער איז פון שרעק געשטאָרבן,
דער ברודער פון צאָרן אַנטלאָפן געוואָרן
און ער האָט אויך אַ מערדער דערשאָסן,
אָך, רואיק לעבן, עס קען דאָך ניט געבן,
מע האָט אים אין קייטן געשלאָסן (2).

וואר. ג. מ. 58, 59.

*) ווייזט אויס, אַז דאָס ליד איז פון דער צייט פון די ערשטע פּאָגראָמען אין דרום-רוסלאַנד.

2*

## דער מסור.

דער אַנגליטשאַן אַליין,
מיט זיינע שאַרפע ציין,
איינגבייסן האָט ער דאָך געוואָלט
אונז אַלעמען.

האָט גאָט געטאָן אַ נס,
אַז אין איין מעת לעת
איז ער געגאַנגען אַ כּפּרה פאַר אונז אַלעמען.

צוזאַנג:
אוי וויי, מנוחה,
אוי וויי, שמחה,
איז ליהודים.

דער אַנגליטשאַן מיטן באַלעבאָס,
האָבן געטרונקען פון איין גלאָז,
די ערשטע פּוליע האָט ער דאָן געכאַפּט אין נאָז.

צוזאַנג.

דער אַנגליטשאַן מיטן באַלעבאָס,
זיינען געשטאַנען הינטערן טויער,
די אַנדער פּוליע האָט ער דאָך געכאַפּט אין אויער.

צוזאַנג.

דער אַנגליטשאַן דער העלד,
ער רייסט זיך אויפן פעלד
און ער מסרט דאָך אַלעמען,

יעצט ליגט ער אויסגעצויגן,
פאַר אונזערע אויגן,
און מיר לאַכן פון אַלעמען.

עס איז דאָך שמחה,
עס איז דאָך מנוחה,
מנוחה, שמחה, ליהודים.

ג. ווירשופּ.

באַמערקונג: דאָס ליד פון דעם מסור פלעגט מען זינגען אין ווילנע אין די יאָרן 1901—1902. אין דער פאָרשטאָט נאָוואָגראָד האָט דאָן געוואוינט איינער אַ מסור, וואָס מ'האָט אים גערופן מיטן צונאָמען „אַנגליטשאַן". דער אַנגליטשאַן איז געווען אַ גבור און אַלע האָבן פאַר אים געציטערט.

3*

## דער פּאָגראָם אין אָדעס.

ווער ס'האָט די בלאַט געלעזן,
פון דער בארימטער שטאָט אָדעס,
וואָס פאַר אַן אומגליק ס'האָט געטראָפן
אין איינע צוויי דריי מעת-לעת.
(2 מאָל).

פּלוצלונג האָט מען אויסגעשריען:
„שלאָגט דעם יידן ווי ווייט איר קענט!"
פּוליעס אין די פענסטער האָבן גענומען פליען,
דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעפאַנגען אין איין מאָמענט.

קינדער האָט מען פון די פינפטע עטאַזשן געוואָרפן,
נאָר ניט אַריינצוגעבן אין די מערדערישע הענט,
מענטשן געהרגעט, אויף טויט געשאָכטן,

און מיט די בלוט האָט מען גע-
שמירט די ווענט.

דאַרטן ווייס אויף די האַרטע שטיי-
נער,
ליגט א כלה אין חופה-קלייד,
און לעבן איר שטייט א מערדער
איינער,
און מיטן חלף אין האַנט בעגרייט.

דאָרטן ליגט א פרוי א שיינע,
ווייט פאַרוואָרפן אויפן מיסט,
און לעבן איר ליגט א קינד א קליינער,
און זויגט אירע טויטע קאַלטע בריסט.

4*

## די מאָבּיליזאַציע.

(פון דער צייט פון דער יאַפּאַנישער
מלחמה 1904).

איך בין פון שטוב אַרויסגעגאַנגען,
אויפן גאַס איז געווען א יאָמער
און א קלאָג,
מיט א גלעקעלע האָט מען אָנגע-
קלונגען,
א מאָביליזאַציע אָביאַווענט אין א טאָג.

פּאַרקילס איז געוואָרן אין מיר
יעדער אבר,
א שווייס האָט אָנגעהויבן רינען,
קלייבט שוין צונויף אונזערע אַלע
גוטע ברידער,
דעם קייסער נאָכאַמאָל צו דינען.

מיינע ביינדעלעך זיינען אַלט און
קראַנק און שוואַך,
די יאָרן איז שוין אויך ניט דערבּיי,
צו ליגן אין קאַזאַרמע אויפן היילן
באַנק,
דעם קייסער צו דינען טריי.

מע שיקט מיר פון קאַזאַרמע רופן,
איך טאָר זיך ניט דערוועגן צו
זאָגן „ניין",
מע גיט מיר א ביקס צו שיסן,
א פּאַפּאַכע אויף לאַנגע יאָר צו גיין.

אָט דאָס, זאָגט מען מיר אָן, וועט
זיין דיין באַהיטער,
פון דיין הויזגעזינט מעגסטו זיך
שוין פאַרגעסן,
פאַרוואָס זאָל דאָס זיין מיין לעבן
אַזוי ביטער,
טייכן טרערן טוען זיך באַגיסן.

טאָ ווייַנט זשע, ברידער, אַלע,
אפשר וועט זיך גאָט אָפּרופן,
עס ווערט צעשיידט מאַן און ווייב,
חתן—כלה,
פון יעדן מענטש ווערט א תל אַצינד.

טאָ ווייַנט זשע, ברידער, אַלע אין
איין קול,
אפשר וועט זיך גאָט אָפּרופן,
מע שיקט מיר אַוועק צו מזרח-זייט,
ווער ווייס ווען מען דאָרט זוכן.

# X. אַרבעטער-לידער.

1*

בעת ביי דערונטשען
איז געווען א גאַראַטשקע,
אַזוי האָבן די אַרבעטער
גערעדט צו מאַכן א סטאַטשקע.
ווי דערונטשע האָט דערהערט,
אַז זיי ווילן אַראָפּגיין פון פאַבריק,
אַזוי האָט ער זיי אָנגעזאָגט,
אַז ער וועט זיי ניט נעמען צוריק.

דאָנערשטאָג צו פרישטיק
זיינען אַלע בעגאַנגען עסן,
„גיט אונז די פּעסער,
מיר ווילן מער ניט טאָן".
„גיט אונז די פּעסער",—
אַלע מיט איין גערודער:
עס האָבן זיך צעבונטעוועט
די שוועסטער מיט די ברידער.

ווי דער אינספּעקטאָר
איז אַריין אין פאַבריק,
„אַרעסטויטע בונטאָווטשיקאָוו,
אַרעסטויטע סקאָרעי",
און אַלע האָבן זיך
פון אים אויסגעלאַכט,
און דאָנערשטאָג ביינאַכט
האָבן זיי א סטאַטשקע געמאַכט.

— „א רובל א דאַבאַווקע,
דער פאַבריק זאָל ניט שטיין",
— „און אויב איר וועט געבן צוויי,
וועלן מיר אַרבעטן גיין".
— „כ׳בין א באַלעבאָס
און קען אייך ניט פאַרפירן,
איך בין הער דערונטשע
איך קען אייך אַרעסטירן".

— א באַלעבאָס און א הונט
איז ביי אונז גלייך,
ער מיינט, אַז מיר וועלן האַרעווען,
און ער וועט ווערן רייך.
טוביה גרוזינער
ווילנע.

וואר.

2*

בשעת ביי דערונטשען איז געוואָרן
א גאַראַטשקע,
דאַן האָבן אַלע אַרבעטער געמאַכט
א סטאַטשקע.
און ווי ער האָט דערהערט, אַז זיי
וועלן אַראָפּגיין פון פאַבריק,
אַזוי האָט ער געזאָגט „איך נעם
ניט צו צוריק!"

ווי דער אינספּעקטאָר איז אין פאַב-
ריק אַריינגעגאַנגען,
„בעריטע איך, בונטאָווטשיקאָוו, בע-
ריטע איך סקאָרעי!"
דאָ האָבן מיר זיך אַלע פון אים
אויסגעלאַכט,
און דאָנערשטאָג ביטאָג האָבן מיר
א סטאַטשקע געמאַכט.

און דאָנערשטאָג ביטאָג זיינען מיר
געגאַנגען עסן,
„גיט אונז די פּעסער, מיר ווילן
מער ניט טאָן",
גיט אונז די פּעסער—מיט א טומל
און גערודער,
דאָ האָבן זיך צעבונטעוועט די
שוועסטער מיט די ברידער.

„נאַרישע מיידלעך, וואָס שטייט איר
פאַר מיין טיר,
א רובל א דאַבאַווקע, קומט אַרבעטן
צו מיר!
א רובל א דאַבאַווקע, די פאַבריק
זאָל ניט שטיין!"
— גיט אונז צוויי, וועלן מיר אַר-
בעטן גיין.

— „איך בין א באַלעבאָס, איך וועל
אייך ניט פאַרפירן,
איך בין הער דערונטשע, איך קען
אייך אַרעסטירן".
—„א הונט און א באַלעבאָס איז ביי
אונז גלייך,
ער מיינט, אַז מיר וועלן האַרעווען
און ער וועט ווערן רייך!"

זונטאָג אינדערפרי לויפט דערונטשע
ווי א הונט,
וואָס זאָגט איר אויף מיינע אַרבעטער,
זיי האָבן געמאַכט א בונט און זיי
ווילן מער ניט טאָן,
זיי פאָדערן אַלע פאָדערונגען אַלע
מיט איין מאָל.
מיטגעטיילט מ. חיימסאָן.

3*

## ליד פון דערונטשעס פאַבריק.

פון אינדערפרי ביז באַדערנאַכט,
זיץ איך מיר צום טיש צוגעשמידט,
עס נעמט מיר אָפּ די הענט און פיס,
און דעם ציל מוז איך מאַכן!

צום ציל, אַז עס פעלט א מאה,
ענדיקט זיך די גאַנצע וועלט,
דער באַלעבאָס גייט אַריין מיט דער
ברייטער דעה:
„קינדערלעך, איר נעמט אומזיסט
געלט!"

איר האַרעוועט זיך אָפּ אייער צייט,
איר גייט אַרויס פון פאַבריק,
„א שפּאַס, די פאַבריטשנע לייט,
זיי גייען שוין צוריק!"

אָט גייען א פּאָר יוריסטן,
בעוויס ניט איבערגעביסן,
זיי האָבן עטלעכע גראָשן
און קויפן פּאַפּיראָסן.

אָט גייט א ייִנגעלע פון תלמוד-תורה,
און עסן האָט ער ניט וואָס,
אויפן צורקעלע ליגט די תורה,
און אַלץ א פּאַפּיראָס.
מיטגעטיילט נ. ווירשופּ.

4*

## קאַרמאַניאָל.

(אַנאַרכיסטיש-טעראָריסטישע).

בעזונגען אין ווילנע אין די יאָרן
.1907–1905

— וואָס באַגערן די אַרבעטסלייט?
וואָס באַגערן די אַרבעטסלייט?
— אַז די וועלט זאָל זיין באַפרייט!
אַז די וועלט זאָל זיין באַפרייט!
ניט קיין גאָט און ניט קיין צאַר,
ניט קיין קנעכט און ניט קיין האַר,
קיין מיניסטער און קיין גזר!
לאָמיר זינגען קאַרמאַניאָל, קאַר-
מאַניאָל,
לעבן זאָל דער גראַנאַט.
און א שאָס פון האַרמאַט,
מיט דעם גראַנאַט
מיט דעם גראַנאַט!

ס׳וועלן גיין,
ס׳וועלן גיין,
אַלע גבירים אויף דער תליה!
ס׳וועלן גיין,
ס׳וועלן גיין,
אַלע רויבער אָן עליה!
און א שאָס פון האַרמאַט
מיט דעם גראַנאַט.

פאַר דעם הער פון מערדעריי,
האָבן מיר א קויל פון בליי,
און פאַר זיינע ווילדע קנעכט,
איז א באָמבע אויך ניט שלעכט.

לאָמיר זינגען קאַרמאַניאָל,
לעבן זאָל דער גראַנאַט,
און א שאָס פון האַרמאַט,
מיט דעם גראַנאַט,
מיט דעם גראַנאַט!
מיטגעטיילט נ. ווירשופּ.

5*

## דער ערשטער מאַי.

ווי עס איז געקומען דער ערשטער
רוסישער מאַי,
אַראָפּ ווישיסטקע סוועטע גאַס—
האָט זיך געהערט א קלאַפּ,
אויף אַלע מענטשן איז א באַפריי-
הייט געקומען,
נאָר קאָנסטאַנטין האָט א קלאַפּ גע-
כאַפּט.

ברוך שולמאַן איז אין גאַס געגאַנ-
גען,
געגאַנגען איז ער אויפן טויט,
מיט די חברים האָט ער זיך גע-
זעגנט,
און מיט די באָמבע אין האַנט גע-
גרייט.

ברוך שולמאַן איז אין גאַס געגאַנ-
גען,
באַגעגנט האָט ער דעם טיראַן,
מיט די באָמבע האָט ער אים צו-
שמעטערט,
אַליין איז ער אין טראַמוויי אַריין.

ברוך שולמאַן איז אין טראַמוויי גע-
זעסן,
דערהערט ער פּלוצלונג א געשריי,
„ברוך, ברוך, וואו לאָזטו מיר איבער,
איינער אַליין צווישן די פּאָליציי".

ברוך שולמאַן האָט דאָס דערהערט,
צושראָקן איז ער געבליבן שטיין,
אַרויסגענומען האָט ער דעם רע-
וואָלווער,
געשאָסן די טיראַנעס און זיך אַליין.

ווײנט ניט, שוועסטער,
ווײנט ניט, ברידער,
וויין ניט מאַמע אויף דיין קינד,
אז עס פאלט, פאלט דער בעסטער,
דער וואָס האָט אונז טריי בעדינט.

אויף זיין קבר וועט וואקסן בלומען,
די רויטע פאָנע וועט שטיין אין
בלאַנק,
די רויטע פאָנע וועט ראכע נעמען,
פאר ברוך שולמאַן דעם באוואוסטן
העלד.

קאָנסטאַנטין, ברוך שולמאַן איז משמעות בעוועזן איינער פון די אנארכיסטן.

## XI. יום־טוב־לידער.

### 1*

### פורים.

פורים באַטייט,
טיילן אָרימעלייט,
אָרימע לייט טיילן,
בולבעס שיילן,
שיילן בולבעס,
ברעכן קולבעס,
קולבעס ברעכן,
די הענט פארשטעכן.

קאָברינסקי.

### 2*

### המן איז געוועזן...

המן איז געוועזן
א הונט מיט שאַרפע ציין,
בייסן האָט ער אונז געוואָלט אמאָל,
בייסן האָט ער אונז געוואָלט אמאָל!
איז א נס געשען,
ער איז אַליין געוועזן
די כפרה.

איז געוועזן פאר כל ישראל,
איז געוועזן פאר כל ישראל,
איז געוועזן מנוחה,
איז געוועזן א שמחה,
על היהודים,
אויף, אויף, אויף—
אויף כל ישראל!

. . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . .

מערעטש, ווילנ. גוב. 1912

### 3***

### ערב־פורים.

ווי עס קומט דער הייליקער פורים,
פארגעסן די ווייבער אָן אלע יסורים,
זיי טוען לעקן און נאַשן
די מאָן פון די המן־טאַשן.

דערלאַנג שוין, מיין ווייב, די פולע
פלאַש,
דערלאַנג שוין פארבייסן דעם המן־טאַש.
זי לויפט צום אויוון מיט א בערעש—
פארסמאַליעט געוואָרן דער המן־טאַש.

זי איז געוואָרן שוואַרץ ווי א כמורע,
דערלאַנגט איר א פאַטש איבערן צורה.
— אוי, מיין מאַן, היינט בין איך
ווערט,
דערוויל איז מיר דער פאַטש
באַשערט.

געהערט פון לאה תּם
פּאַרשר. דורך י. ברוידעס.

### 4***

ווי עס קומט פסח,
זיצן מיר ביים סדר.
די מאַמע איז א מלכה,
דער טאַטע איז א מלך.

עסן עסן מיר
גאַנץ געשמאַק,
טאַנצן מיר א לעבעדיקן
האָפּ טשאַק טשאַק.

די קינדערלעך שטייען אין געצעלט,
די נאַקעטע פיסלעך אויסגעשטעלט,
עסן עסן זיי גאַנץ געשמאַק,
טאַנצן מיר א לעבעדיקן
האָפּ טשאַק טשאַק.

דער טאַטע איז אַוועק קויפן א באָק,
די מאַמע איז אַוועק קויפן א ציג,
פון דערויף איז אַרויס א גרויסע
קריג,
זי פאַרן באָרד און ער—פאַרן באַק,
טאַנצן מיר א לעבעדיקן
האָפּ טשאַק טשאַק!

### 5*

צו וואָס זשע טויג מיר זיין אָן עושר.
צי איז דאָס מיר פאר גויט,
איך לעב מיר אָפּ די גאַנצע וואָך
מיט א שטיקעלע ברויט.

אַז עס קומט דאָך חנוכּה לעבן,
איז דאָך מיר א וועלט,
איך צינד מיר אָן די גרויסע
לאַמטערנע,
און ביי מיר נאָך חנוכּה־געלט!

און אַז עס קומט דאָך פורים לעבן
איז דאָך מיר א וועלט,
איך פאַרקאַשער מיך די פּאָלעס
און גיי נאָך שלח־מנות.

און אַז עס קומט פסח לעבן
עס איך מצה שוואַרצע ווי האַלקע,
אויפן גאַס מעג דונערן און בליצן,
בּאַ מיר מוז זיין א מלכּה.

דאָמבראָוויץ וואָל. גוב.
מיטגעטיילט פון מ ו ש פ ר.

### 6*

א.

ראש השנה בלאָזט מען תּקיעות,
אַלע יידעלעך קויפן עליות.
גיין צום תּשליך גייען מיר גלייך,
ווייל יעדערער איז אין עבירות רייך.

ב.

סוכּות איז דאָך א פאַרגעניגן,
מאַן און ווייב קענען זיך ניט קריגן.
קאָכן קאָכן מיר ניט קיין ביסל,
ווייל יעדער שכן קוקט אַריין אין שיסל.

ג.

שמיני־עצרת טאָר מען אויך ניט
פאַרשעמען,
א ביסל בראָנפן מוז מען נעמען,
הוליען, הוליען מיר אָן א שיעור,
ווייל דעת יום־טוב שטייט שוין
באַלד ביים טיר.

ד.

פסח איז דאָך א גוטע צייט,
דאַן האָט דער עוויגער די יידן
באַפרייט,
פרעהן האָט ער מיט מכּות באַצירט,
און אונז האָט ער דעם ים אַריבער־
געפירט.

ה.

פּורים איז דאָך א טאָג א שיינער,
מ'כּרעכט אָן המנען די ביינער.
עסן עסן מיר המנטאַשן
און ליידיקן אויס אַלע פלאַשן.

ו.

שמחת תּורה איז אויך א סחורה
(וואר.—איז די בעסטע סחורה),
דאַן האָט דער עוויגער געגעבן די
תּורה.
א גאַנצע נאַכט האָבן מיר פאַרבראַכט,
איצט דאַרפן מיר זאָגן—א גוטע נאַכט.

1) וואר. ג. מ. 39, 40
2) מערעטש 1913

## XII. רעליגיעז־נאַציאָ־נאַלע און חסידישע לידער.

### 1*

### המבדיל.

גאָט פון אברהם, גאָט פון יצחק,
גאָט פון יעקב,
באַהיט דיין פאָלק ישראל אין דיינעם
לויב,
דער ליבער שבּת קודש גייט אַהין,
די וואָך און די זיבן טעג און דער
חודש און דער יאָר
זאָלן אונז קומען צו געזונט און צו
לעבן,
און צו מזל ברכה און צו אַלן געווין,
ליבער גאָט, שיק אַראָפּ עלענאָווי
אויף א פולע וואָך,
ער זאָל אונז גוטע בשורות מבשר
זיין,
די קראַנקע זאָלן געזונט ווערן,
און די געזונטע זאָלן באַהיט ווערן
פון קראַנקהייט,
און די טרויעריקע זאָלן געטרייסט
ווערן,
און די הונגעריקע זאָלן געשפייזט
ווערן,
פון שווערן ביטערן גלות זאָלן מיר,
רבש"ע,
אָמן אויסגעלייזט ווערן.

(ווילנע)

### 2*

וואר.

גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב, באַשיץ דיין פאָלק ישראל! דער ליבער שבת־קודש איז אַוועק און די וואָך זאָל אונז קומען צו גליק און צו געזונט, און צו מזל וברכה און צו עושר וכבוד און צו פּרנסה. ווער נאָך ווי דו, הימלישער פאָטער, ווייסט דעם שווערן לעבן פון דיין פאָלק ישראל, זיין ביטערן געמיט, ווי שווער און ביטער יעדער ייד פאַרדינט זיין ביסן ברויט, מיט וועלכע זאָרג און עגמת־נפש, מיט וועלכע שרעק און מאַטערניש ער טרייבט צוזאַמען זיין פינסטערע חיונה. ווער נאָך פון אַלע פעלקער אין דער וועלט שפּירט אַזוי דעם שרעקלעכן רושם פון א נייע וואָך, ווי דיינע אָרימע באַטריבטע קינדער, א נייע וואָך קומט אונז אַנטקעגן, א נייע וואָך ברענגט אונז נייע זאָרג, נייע שרעק, נייע קימער. דאָס איינציקע וואָס אונז איז געבליבן, איז נאָר די האָפענונג צו דיר אַליין. נאָר די איינציקע האָפענונג און גלויבן אין דיר, דער־באַרימיקער גאָט, האָט אונז געגעבן קרעפטן היינט אונזערע צרות מיט געדולד צו דערטראָגן! לכן יהי רצון מלפניך—עס זאָל זיין דער ווילן פון דיר, גרויסער אַלמעכטיקער גאָט, אַז אין די נייע וואָך, וועלכע קומט אונז אַנטקעגן, זאָלסטו אונז עפענען די טויערן פון דיינע רחמנות, דו זאָלסט אונז צושיקן אונזער חיונה בנחת און ניט בצער, דו זאָלסט אונז געבן פּרנסה פון דיין פולן האַנט.

ווילנע.

### 3*

גאָט פון אברמען, גאָט פון יצחקן
און גאָט פון יענקבן,
באַהיט דיין ליבע פאָלק ישראל
(עסראַיל) אין דיין (דיים) לויב,
דער ליבער שבת גייט פון אונז אַוועק,
גאָט זאָל געבן די ליבע וואָך און דעם
ליבן חודש און דעם ליבן יאָר,
צו געזונט און צו לעבן און צו מזל
און צו ברכה,
און אַלעס גוטעס צו געווינען.
גאָטינקע מיין, שיק אונז לייהאַנאָווי
(אליהו הנביא)
אויף א גוטע וואָך אַריין!
כל ישראל גוטע בשורות טובות
מבשר זיין.
אָמן מלך—וואר.—
משיח וועט קומען היינטיקן יאָר,
משיח וועט קומען צו פאָרן—
וועלן מיר האָבן גוטע יאָרן;
משיח וועט קומען צו רייטן—
וועלן מיר האָבן גוטע צייטן;
משיח וועט קומען צו לויפן,
וועט ער אונז פון גלות אויסקויפן.

פאַרשריבן פון א שילערין פון אָוונט־
שול, ווילנע 1917.

וואר. פּריל. יידישע פאָלקסלידער
I־טער ב. פון 8 ביז 29.

### 4

— האדרת והאמונה!
— צו וועמען? צו וועמען?
— לחי עולמים!
— הבינה והברכה!
— צו וועמען? צו וועמען?
— לחי עולמים!
— מי הוא זה ואיזהו,
— זה אלי ואנוהו,

— הגאוה והגדולה
א. אז. וו.

י. בערנשטיין, קראָקע.

אין פאַרשיידענע שטעטלעך פון גאַליציע.

וואר. כהן II רעליג. 3

5****

— יבא אדיר,
— אך, במהרה!
— יבא בחור
— אך, בימנו!
— ווען וועט דוס זאָן?
— במהרה בימינו!
— ווער וועט דוס זאָן?
— משיח צדקנו.
— ווּס וועט ער סיען?
יבא ויגאלנו!
— ווּס וועט דעמילס זאָן?
יום גילה, יום רינה, יום דיצה.
גילה, רינה, דיצה, יבא עלינו,
יבא עלינו! (2 מאָל)

י. בערנשטיין (קראָקע).

א חסידיש יו״ט-ליד, וואָס ווערט געזונגען אין בתי-מדרשים אין קראָקע און אין אייניקע פּראָווינץ-שטעט. איי־נער רופט אויס—„יבא אדיר!“ און די גאַנצע חבריה ענטפערט—„אך במהרה“ א. א. וו. ווען ער פרעגט—„וואָס וועט דעמאָלט זיין?“ הייבן אַלע אָן צו טאַנצן און צו זינגען.

6*

צו טונן הייבט שוין אָן,
געקראָיעט אָט שוין דער האָן,
אָפן פרייען פעלט
אין מיטן גרינעם גראָעז
אָט זיך א פייגילע אנידערגעשטעלט
(די לעצטע צוויי 2 מאָל).
וואָס פאַר א פייגילע אי ־דאָס,
וואָס אָט זיך אזוי פרי געשטעלט
אָפן גרינעם גראָעז? (2 מאָל).
גרינע פּיסלאַך, א פּערל פּיסקל,
קיין ירושלים וויל עס גיין (2 מאָל).
ווארט, פייגילע, ווארט (2 מאָל),
ביז דער אייבערשטער וועט אונז באַשערן
און וועט אונז קיין ירושלים ווידער־קערן (2 מאָל).
ווען וועט דוס זאָן? (2 מאָל)
יבנה המקדש עיר ציון תמלא.
דעמאָלט וועט דוס, וועט דוס זיין,
יבנה המקדש עיר ציון תמלא,
דעמאָלט וועט דוס, וועט דוס זיין!

י. בערנשטיין, קראָקע.
גאַליציע.

7*

ער: וואָס וועט דעמאָלט זיין?
זי: קאָניעץ למר גלותנו.
ער: וואוהין וועלן יידן גיין?
זי: מי פּאַידיאָם לארצנו.
ער: וואָס וועט דאָרטן זיין?
זי: שם נאַידיאָם גואלנו.
ער: ווער זשע וועט דאָס זיין?
זי: נאַש משיח צדקנו.

ער: ווען זשע וועט דאָס זיין?
זי: סקאָרע במהרה בימנו.

ביידע: יום גילה, יום רינה,
יום דיצה, יום חדוה,
גילה, רינה, דיצה, חדוה,
אהבת ואחוה...

ש. ע. „אַקטיאָרן“.

8

געבענטשט זיינען מיר פון גאָט,
ביי אונז יידן איז זיין געבאָט,
דער רוח הקדש גייט אהין,
ווער עס זינדיקט נאָר.

תורה לערנען איז א שכר,
עולם-הבא וועלן מיר האָבן דערפאַר,
טריי ריי טאַרא ראַי!

די מלאכים טראָגן פאַר אונז א גרוס,
עולם הבא וועלן מיר האָבן געוויס.
טריי ריי טאַרא ריי!

שרעקנדיק מוראדיק, פאַראומערט,
פאַרקלאָגט,
די נאַכט רוקט זיך ווייטער,
מע זעט ניט קיין טאָג.

אוי, מיר גייען פון דאַנען,
גאָט ווייס וואָס וועט זיין,
מיר מוזן אַנטלויפן
אין וואַלד אריין!

9*

מיר וועלן זינגען, מיר וועלן טאַנצן גיין!
או־, טאַטע-פאָטער, ווי דערלעבט מען דאָס?
אוי, ווי שיין, אוי, ווי פיין,
אז משיח וועט קומען צו גיין.
אוי, ווי אמת, אוי, ווי אמת זייער שיין,
אז יעדער ייד זאָל זיין א באַלעבאָס.
עס וועט זיין שיין און פיין,
אז משיח וועט קומען צוגיין.
געבראָטענע טויבן, מעגט איר מיר גלויבן,
וועט שוין זיין געגרייט.

10*

— טאָכטער, תורה, טאָכטער דו מיין,
וועסטו ניט נעמען אברהמען פאַר איין חתן-מאַן?
— ניין, פּאָטערל, ניין, אברהם וועט ניט מיין מאַן זיין,
ביי אים וועט זיין יצחק א זון זיין,
ער וועט מיר ניט קענען מפרנס זיין,
בעסער וועל איך זיצן ביי דיר אָפן שויס,
איידער כ׳וועל אויסוואַקסן א טעכטערל גרויס.
צווייטער פערז—וועגן יצחקן—
ביי אים וועט יעקב א זון זיין„
דריטער פערז—וועגן יעקבן—„ביי יעקבן וועט דאָך 12 זין זיין.“

וואר. ג. מ. 5, 6, 7, 8

11**

אדם, אדם פּערווי נאַש,
טשאָהאָ טי יעל מעץ הדעת,
קאָב ניע יעל מעץ הדעת,
ניע נאַוויאָל בי כמערט נא נאָס.

חוה, חוה, נאַשא מאַט,
טשאָהאָ טי האדא סלושאלאָס,
קאָב טי האדא ניע סלושאלאָס,
ושאָני בעז באָליע ראדילי.

אברם סטארי, אברם שיווי,
ב־טאָ טי זאזשורילסיאַ?
יויאָל סינא דאָ עקדה,
דאראָם פּאָטרודילסיאַ.

יצחק, יצחק, נאַש אָטעץ,
ביל זאוויאזאן קאַק באראַנעץ,
סטאלי מלאכים פּלאַקאַט,
סקאָזאל באָך וויפּוסטי.

עשו, עשו, דיאַדקאַ נאַש,
קרעטשמי ניע מינוויאַ,
וואָס זאַטאָ לאַפּטי נאָסיש,
שטאָ באָטי ניע מאַיעט.

יעקב, יעקב, פּאַסטוך נאַש,
טשעטירנאַצאַט ליעט אָווצי פּאַס,
ס׳עם זא רחל, סיעם זא נאָס.
ס׳עם זא רחל, סיעם זא נאָס.

משה, משה, רבי נאַש,
איז מצרים וויוויאָל נאָס,
איז מצרים וויוויאָל נאָס,
דאָ ירושלים ניע דאָוויאָל נאָס,
ירושלים עיר הקדש,
מי טאָם זשילי
פּאָ טרי ראַזא ווגאָדו,
מי טודא כאָדילי,
מי טאָם בילי
מי טאָם יעלי,
אי באָהו מאָלילי,
קאָק מי באָהו ניע מאָלילי,
א באָהו סאָגרעשילי,
קאָק מי באָהו סאָגרעשילי,
נאָס אטיל וויגנאַלי.

אוי, באַטיושקאַ,
וויקופּי נאַשי מאַטושקאַ,
ווינוודי נאַשי באַטושקאַ,
ס׳־קלי, סינקל ניע הארוי,
טוואָיע סערדצע ניע סאַבסוי,
בודיע מאַטקאַ וויקופּליאָנאַ,
בודיע כאַטקאַ וויבודליאָנאַ.

וואר. ג. מ. 15, 16.

12**

גאָט האָט באַשאַפן הימל און ערד,
גאָט האָט באַשאַפן חוהן אויף דער ערד.
און פון דער שיינער ערד,
איז ארויס א שיינער וואָרצל,
און דער וואָרצל פון דער ערד,
גאָט האָט באַשאַפן הימל און ערד,
גאָט האָט באַשאַפן חוהן אויף דער ערד,
און פון דעם שיינעם וואָרצל,
איז ארויס א שיינער בוים,
און דער בוים פון דעם וואָרצל
א. אז. וו.
און פון דעם שיינעם בוים,
איז ארויס א שיינע צווייג
און די צווייג פון דעם בוים,
א. אז. וו.
און פון דער שיינער צווייג,
איז ארויס א שיינער בלאַט,
און דער בלאַט פון דער צווייג
א. אז. וו.
און פון דעם שיינעם בלאַט,
איז ארויס א שיינער עפּל,
און דער עפּל פון דעם בלאַט
א. אז. וו.
און פון דעם שיינעם עפּל,
איז ארויס א שיינער נעסט,
און דער נעסט פון דעם עפּל,
א. אז. וו.
און פון דעם שיינעם נעסט,
איז ארויס א שיינער פויגל,
און דער פויגל פון דעם נעסט,
א. אז. וו.
און פון דער שיינער פויגל
איז ארויס א שיינע פעדער,
און די פעדער פון דעם פויגל,
א. אז. וו.
און פון דער שיינער פעדער,
איז ארויס א שיינע קישן,
און די קישן פון דער פעדער, א. אז. וו.
און פון דער שיינער קישן
איז ארויס א שיינע כלה,
און די כלה פון דער קישן א. אז. וו.
און פון דער שיינער כלה,
איז ארויס א שיינע דעקע,
און די דעקע פון דער כלה
א. אז. וו.
און דער פויגל פון דעם נעסט,
און דער נעסט פון דעם עפּל,
און דער עפּל פון דעם בלאַט,
און דער בלאַט פון דעם צווייג,
און דער צווייג פון דעם בוים,
און דער בוים פון דעם וואָרצל,
און דער וואָרצל פון דער ערד,
גאָט האָט באַשאַפן הימל און ערד,
גאָט האָט באַשאַפן חוהן אויף דער ערד.

## XIII. פּאַראָדיעס און פאָלקס-הומאָרעסקעס

1*

אשת חיל מי ימצא,
איז דען דאָ אזא ווייב
ווי מיין שפּרינצע?
פון נאָז רינט, פון אויג טרערט,
דריי וואָכן די שטוב ניט פאַרקערט,
נעם איך א שטול און זעץ זיך לעבן איר שטראָפן,
נעמט זי א קישן און לייגט זיך אונטערן בעט שלאָפן.
נעם איך א שטעקן מיט צוויי עקן
און הויב אָן מיין שפּרינצען צו דעקן.

• • • • • • • • • • •

פאַרשריבן אין ווילנע 1914

וואר. ג. מ. 290

2.

שיר השירים אשר לשלמה—שבת צו נאכט נאָך האַלבן טאָג, זומער אין די גרויסע קעלטן און ווינטער אין די גרויסע היצן האָב איך אָנגעטאָן מיין קאָשמאַטן באָק און בין געגאַנגען שפּאַצירן. האָב איך געזען ווי צוויי מתים טאַנצן אויף א פּוסטן גוס, האָבן זיי מיר פאַרזאָגט אין א טיפן וואַלד. דער וואַלד האַלט א שפּאַן אויף ▪ שפּאַן, פון איין בוים ביז דעם אַנדערן איז דריי מייל די ווייט. האָב איך דערזען אין בוים א לעכעלע, איך שטעק אריין די האַנט—עס גייט ניט, די פוס—עס גייט אויך ניט. איך וויל אליין אריינגיין—איך זע—עס גייט. דערנאָך וויל איך ארויסגיין, שטעק איך ארויס די פוס—עס גייט ניט, די האַנט גייט אויך ניט, איך וויל אליין ארויסגיין—ס'גייט אויך ניט... האָב איך זיך דערמאָנט, אז ביי מיין פעטער יאַכנע איז דאָ א העקעלע, בין איך אוועק צו מיין פעטער יאַכנע, גענומען די העקעלע, אויסגעהאַקט דעם בוים און ארויס פון בוים; גיי איך ווייטער—זע איך א שייער שטייט אויף א הינערשע פיסל, פאַרשלאָסן מיט א לאָך פון א בייגל, בין איך אריין אין שייער, זע איך עס טאַנצט אַנטקעגן מיר א פליי. פלייעלע, פלייעלע, וואָס טאַנצסטו? האָב איך ארויסגענומען מיין רעוואָלווער און איר דערשאָסן

פאַרשריבן אין
מערעטש 1913.

3.

צוויי טויטע לעבעדיקע מתים זיינען
זיך געגאַנגען גליטשן
פון ▪ לונג און לעבער אויף א וועלישן נוס,
האָבן זיי זיך אזוי לאַנג געגליטשט,
ביז וואַנען זיי האָבן זיך אריינגעגליטשט אין ▪ קעלער.
האָט איינער דערהערט א קול פון א
זויערער אוגערקע,
איז ער זי געגאַנגען נעמען, האָט
ער צובראָכן דעם נאָז.
רופט זיך אָפּ דער אַנדערער—קום צו
זעווע דעם איינבינדער, וועט ער
דיר איינבינדן דעם נאָז.
האָבן זיי איינגעשפּאַנט דעם שליטן
אין קאָוואַנע רעדער און זיינען
אוועקגעפאָרן רייטנדיק צופוס.
דערווייַלע האָט מען אָנגעשטעלט די
ביקסן מיט שוואַרצע יאַגדעס אין
זויערע עפּל,
האָט זיך די קייסערינע דערשראָקן,
האָט זי מפּיל געווען א זשערעבעץ,
האָט מען איר געגעבן ▪ פאָלקע פון
א באַרן בוים...

פאַרשריבן אין
ווילנע 1915.



4.**

אין תמוז אין די גרויסע פראָסט, און אין שבט אין די גרויסע היצן, ביי איך ביידערנאַכט, ווען די זון האָט געשיינט, און ביי טאָג, ווען עס איז געווען פינסטער, ביי איך און זע—א קליינע שטוב שטייט אויף אַן אונטערגעבראָכענעם שטרוי. עפן איך די טיר, רוק איך די קאָפּ—עס גייט ניט, די האַנט—עס גייט ניט, די פוס—עס גייט ניט. בין איך אריין אינגאַנצן. זע—אַן אַלטן יידן, אַלט זיבעציק יאָר פאַר בר-מצוה, עסט פליישיקע זויערמילך אַן געוואַשן, הער איך אויפן הימל א יריד, בין איך ארויף דאָרטן און געהאַנדלט א מציאה: א פּאָר קופּערנע נאָדלען פאַר זעכציק רובל. מיטאַמאָל האָט זיך געשפּאָלטן דער הימל און איך בין אריינגעפאַלן אין א שוועמל. זיינען פויערים געגאַנגען קלייבן שוועמלעך, האָבן זיי מיר אריינגעקליבן פאַר א יאַגרע. זע איך א האָן גייט. פרעג איך—ברודערקע, וואו גייסטו? ענטפערט ער: „כ'גיי אויפן לעבער-ים האַקן לעבער“. גייען מיר, מיטאַמאָל זעען מיר פויערים מיט העק האַקן לעמפּערטן. ווען פון אלע פויערים וואָלט געוואָרן איין גרויסער פויער און פון אלע העק איין גרויסע האַק, און פון אלע לעמפּערטן איין גרויסער לעמפּערט און דער גרויסער פויער מיט דער גרויסער האַק וואָלט דערלאַנגט א האַק דעם גרויסן לעמפּערט; וואָס פאַר א געשריי עס וואָלט דעמאָלט געווען!

ל. רובינשטיין,
(ווילנע).

5.**

תמוז אין די גרויסע פראָסט בין איך אויפגעשטאַנען שבת צו נאכט און אין מיטן טאָג האָב איך געזען ווי דריי מתים טאַנצן. טאַנצנדיק האָב איך זיך אויסגעבראָכן ביידע פיס. אז מע ברעכט אויס ביידע פיס, קען מען דאָך ניט טאַנצן און גיין? בין איך געלאָפן. לויפנדיק בין איך אריינגעפאַלן אין אזא געדיכטן וואַלד, אז דאָרט איז קיין בוים ניט געווען. האָב איך דאָרטן געטראָפן א וואַנט, האָב איך געפּרובט דורכשטעכן די נאָדל. איז זי ניט דורך. בין איך אליין דורכגעקראָכן. און מויער האָב איך געהערט ווי מלאכים ריידן צווישן זיך, אז דער טויבער האָט געהערט, ווי דער שטומער האָט דערציילט, ווי דער בלינדער האָט געזען ווי מ'האָט אָנגעכאַפּט דעם נאַקעטן פאַרן פּאָלע.

י. שחט ווילנע.

6.*

## קדוש.

סברי מרנן ורבנן ורבותי
איך און די פלעשל און די גלעזל
זיינען מיר אלע דריי.



איך בין געווען אמאָל א ייד ▪
כאַלעבאַס,
איך האָב געהאַט א ציג אָן אויווערן
און אָן א נאָז,
אויף די הינטערשטע פיסלעך האָט
זי געשפּרונגען,
אויף די פאָדערשטע פיסלעך האָט זי
זמירות געזונגען,
איך האָב איר געגעבן מילך א לאַדיש.
האָב איך געמיינט, אז איך וועל
זאָגן נאָך איר קדיש,
ויכולו השמים—איך האָב געמאַכט
קידוש בפּרים.
איך בין געלאָפן אין שטעטל א גאַנצע נאַכט,
איך האָב קיין איין גראָשן ניט
צונויפגעמאַכט.
איך בין געלאָפן דורך דרערד אין
פעטערבורג,
ביי די יאַטקעס האָב איך דערזען
א קליין שטיבעלע,
פאַרשלאָסן מיט א מילכיקן פּוטערבייגל,
איך האָב זיך געזעצט אויפן פּוטערבייגל,
איך האָב אים געגעסן זיבן יאָר,
איך בין אריין אין שטיבעלע,
האָב איך געזען, אז א ייד האָט
געגעסן א פליישיקן לונג-און-לעבער
אין א מילכיקן טעלער,
דאַרפן דאָך גיין פרעגן ביים רב
א שאלה,
איז גראָדע דער רב ניטאָ אין
דער היים,
זאָגט די רביצין: א קליינע שאלה
קען איך אליין פּסקענען:
בעסער פון אלץ איז א קוגעלע
מיט שמאַלץ.

פאַרשריבן אין
ווילנע 1917.

7.*

אמר ר' אליעזר,
וואָס האָט צובראָכן די גלעזער,
אמר ר' מאיר,
וואָס האָט צובראָכן די אייער.
אמר ר' חגי
וואָס האָט צובראָכן די שפּאַנע.
אמר ר' נתן—
ביי אלץ מאָן ביין חתן.
אמר אביי—
קויף אָפּ נייע.

מערעטש 1913.

8.***

## פאָלקס-הומאָרעסקע.

עס זיינען געווען אמאָל צוויי ברידער. איין ברודער איז געווען א קייסער און דער צווייטער אַן אונטערשמש. דער קייסער האָט ארויסגעגעבן זיין ווייב א פּריקאַז זי זאָל מאַכן פון צוואַנציק אייער א פיינקאָכן. דער קייסער האָט זיך דערשראָקן און זיין ווייב איז געשטאָרבן. אז מע שטאַרבט, זיצט מען שבעה. שבעה זיצט מען פאַר זיבן גילדן, זיבן גילדן איז ווייניק, איז נאָך א האַלב אַרשין. וואָס בלייבט? נעכטיקע וועטשערע. נעכטיקע וועטשערע טראָגט מען זי אָרימע בחורים אין קלויז. דערווייל האָבן זיך א מאַן מיט א ווייב צוהרגעט און זיי זיינען אוועקגעגאַנגען צו די רביצין. א יידענע האַלט פאַר א יידענע. וואָס האַלט זי? דראָבנע זאַכן. דראָבנע זאַכן שיטן זיך אויס, אז ס'שיט זיך אויס, ווערט קרעץ. גייט מען צו א דאָקטער. וואָס גיט דער דאָקטער? א שמירונג. אז מע שמירט, בייט עס, אז עס בייט, פאַרט דאָס, פאָרן מיר אריין אין א געדיכטן וואַלד, איין בוים פון דעם אַנדערן איז א וויאָרסט. אויף איין בוים זיצט יא העכט, שמאָל נעבארטלט און פיין געקנעפּלט און פאַר בר-מצוה און קנאַקט וועלישע ניס. אויפן צווייטן בוים זיצט א פויגל מיט א שטעקן אין האַנט און מיט א בעלמע אויפן אויג. נעמען מיר אראָפּ זי' בעלמע, האָבן מיר פעל. פאַרקויפן מיר די פעל, האָבן מיר געלט. פאָרן מיר ארויס פון וואַלד, זעען מיר עס פאָרט א פויער, פירט ער א הון, פרעגן מיר—וואָס קאָסט די הון? זאָגט ער—זיבן גילדן פאַר די טויב. קויפן מיר די טויבן, בלייבן מיר ביי קרחת.

געהערט פון יאָשע פינס,
דורך י. ברוידעס.

9.*

## בערל איז—אַ הונט.

בערל איז לעבער,
לעבער איז כבוד,
כבד איז ▪▪ער,
שווער איז שבועה,
שבועה איז א וואָך,
א וואָך איז חול
חול איז זאַמד,
זאַמד איז פּיאַסעק,
פּיאַסעק אי▪ ▪עסעק,
פּעסעק איז א הונט.

י. זאַוועלס.

10.*

## קאָפּל—איז פּילאַרעט.

קאָפּל איז גאָפּל,
גאָפּל איז ווילקאַ,
ווילקאַ איז פּילקאַ,
פּילקאַ איז פּילאַ▪עט.

י. זאַוועלס.

11.*

## חצי מת איז—אַ בעזים.

חצי מת איז כּכולה מת,
קולמוס איז א פּען,
פּן איז טאָמער,
תּמר איז געווען א אשה,
עיסה איז טייג,
פון טייג מאַכט מען ברויט,
ברויט איז רחב,
רחב איז געווען א זונה,
זונה איז אַן אָפּקערעקע,
אַן אָפּקערעקע איז א בעזים.

ש. שאָראָפּאָן.

12*****

איינער א ייד האָט זיך געשטעלט אין שול אויף דער בימה און האָט געפרעגט צוויי קשיות: ערשטנס, פארוואס זאָגט מען, אז המן איז א צדיק, און, צווייטנס, המנען האָט מען געהרגעט פסח און מען האָט אים באַקלאָגט חנוכּה?

האָט מען אים אזוי געענטפערט: דער תירוץ אויף דער ערשטער קשיה איז אזוי:

אין דער תורה שטייט געשריבן, אז אברהם אבינו האָט געוואָלט שעכטן זיין זון, האָט מען געזאָגט, אז ער איז א צדיק, — היינט אָבער, אז המן האָט געוואָלט אויסשעכטן אלע יידן, — איז ער דאָך א פשיטה, גע-וויס א צדיק.

און אָט האָסטו א תירוץ אויף דער צווייטער קשיה:

אין דער מגילה שטייט געשריבן, אז אסתּר איז געווען א גרינגע מלכּה, אויב אזוי איז שוין אחשורוש א גרינגער מלך, איז המן א גרינגער אונטער; היינט אָבער, אז המנען האָט מען געהרגעט פסח,—האָט נאָך אים קיינער ניט געקלאָגט. אָבער חניכּה, ווען מען האָט זיך געזעצט שפּילן אין קאָרטן און מען האָט געזען, אז ס'פעלט דער גרינגער אונטער—איז דאַן געוואָרן א ויצעקו.

## XIV. סאַטירישע לידער.

1**

ווייסט איר פון וואָס מ'וועט סטרויען דעם רבינס באָד,
וואָס שטייט איבערן מיטן סאָד?
ניט פון קיין שטיינער
און ניט פון קיין ציגל
נאָר פון טייערע מאכלים,
פון צימעס און פון קוגל.
מיט האָניק וועלן זיין
געשמירט אלע פיר עקן,
און חסידימלעך וועלן שטיין
און וועלן לעקן.
אוי, ווי דערלעבט מען שוין,
וויי דערלעבט מען שוין דאָס!

2**

צוויי חסידימלעך
חיימצע און שמולצע
האָבן זיך א שבועה געגעבן,
א סאַמעטענע קאַפּאָטקע, א זיידענע שטריימל
דערלאַנגען א מתּנה דעם רבין.
און ווי זיי זיינען אין ליבאָוויטש געקומען,
צום רבינס טיר צוגעגאַנגען,
אזוי האָבן זיי די ביטערע בשורה באַקומען,
אז דער רבי איז אין תּפיסה גע-פאַנגען.
געוואַלד, שמולצע, איך חלש, איך בלייב,
עס ציטערט מיר יעדער אבר,
ווען איך וואָלט ניט האָבן א קינד, א ווייב,
וואָלט איך זיך געגראָבן א קבר.
א קינד, א ווייב, א שפּאָס, א קאַ-טאָוועס,
זיי וועלן קיין מיתה ניט איינגעמען.
זאָלן זיי גיין קלייבן נדבות,
אָבער דער רבי איז אין תּפיסה געפאַנגען
סאָ גראָב מיר אויס א קבר
לעבן רבינס טויער,
און פארגרייזל מיר כּשר די פאות
און זאָלסט ניט פארגעסן אין קבר צו לייגן
דעם תּנא'ס דעם רבינס קמיעות,
און א פלעשעלע משקה
זאָלסט ניט פארגעסן
אין קבר אריינצושטעלן,
כּדי איך זאָל קענען
דעם דורשט איינשטילן,
ווען מיר וועט זיך א שנעפּסל פאר-וועלן,
און בשעת איך וועל הערן
אין קבר א געזאַנג,
פלעשעלעך משקה טוען קלינגען,
דאַן וועל איך וויסן, אז דער רבי
איז פון תּפיסה ארויס
און איך וועל פון קבר ארויס-שפּרינגען
און מיט אלע חסידימלעך בייגאַנד
וועל איך מאַכן לחיים,
וואָס דער רבי איז ארויס פון סכּנה,
און די סאַמעטענע קאַפּאָטקע און די
זיידענע שטריימל,
דערלאַנגען א מתּנה דעם רבין.

פארשריבן—נ ח צ ו ק ע ר מ א ן
(ווילנע)

3***

### ג ו ט מ אָ ר ג ן.

ד י ח ס י ד י ם:
א גוטמאָרגן, א גוטמאָרגן,
אָבינו מורינו ורבינו,
שטייט אויף, שטייט אויף,
אבינו מורינו ורבינו,
שטייט אויף, שטייט אויף!

ד ע ר ר ב י:
מיינע ליבע חסידימלעך,
לאָזט מיר א ביסעלע שלאָפן,
איך בין זייער שלעפעריק!

ד י ח ס י ד י ם:
ניין רבישיו, ניין, רבישיו, ניין!
עס שטייט א פסוק אין דער תּורה,
התגבר כּארי לעבודת הבורא.

ד ע ר ר ב י: אהובתי זוגתי, שרה דבורה,
תּן לי מים
לנטלת ידים,
ללמד בזריזות.
(די חסידים זינגען א האָפּקעלע).

4*

### דער חסידל.

זיצט דער חסידל ביי דער גמרא,
באַפּט אים אָן א יצר הרע
. . . . . . . .
. . . . . . . .
זאָגט דער רבילע בים באָס,
זאָגט די שיקסעלע דאָס דאָס.

## XV. יידישע לידער אין אנדערע שפּראַכן.

1**

ראַנאָ אוטראָם אוסטאַוואַי,
נעגל-וואַסער אומיוואַי
טלית-תּפילין נאַקלאַדאַי,
ראַנאָ ווּשקאָלקו פּאָסטופּאַי.

2*

או נאַס יעסט בערל דער שוסטער
קאַטאָרי אימעיעט סאָבסטווענוי דאָם,
ציב קריך נאַ מאַיע דעכע,
שטעכע ברעכע צעלע דעכע,
נו מוב קאָ פּאַנקאָ מיראָוואַי,
צי טאָ יושר טאַק?
— סטופּאַי דוראַק!
— יאָ סטופּע, טי טוקאַטש!

3****

ביעדאַ, ביעדאַ, ניעמאַ אָווצו,
יאַקי בעז אָווצו
דאָ דאָמו פּאָידו?

נעם איך א פידעלע,
שפּיל מיר א לידעלע,
בעדאַ, בעדאַ,
ניעמאַ אָווצו!

באַגעגן איך א וואָגן שטיינער,
מיין איך פון שאָף די ביינער,
נעם איך א פידעלע,
שפּיל מיר א לידעלע.
ביעדאַ, ביעדאַ, ניעמאַ אָווצו!

באַגעגן איך א וואָגן דערנער,
מיין איך פון שאָף די הערנער,
נעם איך א פידעלע,
שפּיל מיר א לידעלע.
ביעדאַ, ביעדאַ, ניעמאַ אָווצו!

וואַר. פּריל. 187, 188
יידישע פאָלקס-לידער II ב.

3*

### אַ ליד אין העברעאיש, יידיש און ווייסרוסיש.

אלי—גאָט—טאָ באָגאַ,
דרך—א וועג—טאָ דראָגאַ,
נער—א יונג—טאָ מלאָדאַ,
ואתּן—כ'האָב געגעבן—טאָ דאַלאַ,
ואקח—כ'האָב גענומען—טאָ בראַלאַ,
לקחתּי—כ'האָב באַקומען—טאָ דאָסטאַלאַ.

תּנור—אַן אויוון—טאָ פּעטשקאַ,
נר—א ליכט—טאָ סוועטשקאַ,
תּרנגולת—א הינדל—טאָ קורעטשקאַ,
שולחן—א טיש—טאָ סטאָלאַ,
מלח—זאַלץ—טאָ סאָלאַ,
שדה—א פעלד—טאָ פּאָלאַ.

לחם—ברויט—טאָ כלעבאַ,
שמים—א הימל—טאָ ניעבאַ,
טיסיאַטשי רובליי—נאַ פּאַטרעבאַ,
דגים—א פיש—טאָ ריבקאַ,
חוט—א פאָדים—טאָ ניטקאַ,
25 קאָפּייעק נאַ פּריפּיטקאַ.

5****

ווסטאַוואַלאַ חנה ראַנאָ נאַראַניישו.
וואָזבודילאַ סוואָיאַ סלוגאַ נאַווערניישו,
זאַפּאַל טוואָיאַ סוועטשאַ זאַ-אַסניישו
יאַ סאָביע בענדאָ פּאַכאָדיט,
סיינאַ תּלמיד-חכם אָווראָזיט.
אָווראָזילאַ חנה סיינאַ וודאָברים טשאַס,
ספּאָכאָוואַלאַ אָנאַ יעגאָ ווזלאָטנים פּאַס,
שרה, רבקה, רחל לאה באַכאָוואַלי,
דוד המלך מיט אַלע תּלמידים מוהלים בילי,
השם יתברך מיט אלע מלאכים אמן קאַזאַלי.

6**

### „אחד מי יודע“.

אין ליטוויש.

קאַזשינאַי וועגע? וועגע אש זשינאַ:
וועגע דעוועס דאַנגע סעדעס
קאַראַלאַאי קאַראַלאַאי,
קאַזשינאַי דו? דו אש זשינאַ:
דו טאַבליצעס, וועגעס דעוועס דאַנגע סעדעס,
קאַראַלאַאי קאַראַלאַאי.
קאַזשינאַי טריס? טריס אש זשינאַי
טריס טאַוויאַלעס, דו טאַבליצעס
א. אז. וו.
קאַזשינאַי קאַטרעס? קאַטרעס אש זשינאַי:
קאַטרעס מאָטעראַלעס א. אז. וו.
קאַזשינאַי פּינקע? פּינקע אש זשינאַי
פּינקע ביבליע א. אז. וו.
קאַזשינאַי שעשע? שעשע אש זשינאַי
שעשעס משנה א. אז. וו.
קאַזשינאַי שאַפּטינע שאַפּטינע אש זשינאַי
שאַפּטינע דענע שובאַטע א. אז. וו.

7*****

מיקיטקאַ, מיקיטקאַ,
שטאָ סטיעביע בודיעט,
כודאָ, כודאָ,
טוואָיע דיעלאָ בודיעט.

סיעמדעסיאַט ליעט
טי פּראָזשיל,
א באָגו
ניע סלוזשיל.
מיקיטקאַ, מיקיטקאַ, א. אז. וו.

ניע פּאָמאָגוט טוואַי דיענגי,
טוואַי מיליאָני,
ליעזשאַל אי כוואָראַל
אי פּאָמיאָר קאַק דורני.

מיקיטקאַ, מיקיטקאַ, א. אז. וו.

צעלי גאָד
טי לעזשאַל אי כוואָראַל,
א ווידרוי
ניע סקאַזאַל.

מיקיטקאַ, מיקיטקאַ, א. אז. וו.

גרידיאַט מלאך האדומי
סוואָיע אימיע פיטאַט,
אַ טי בודיעש
קאַק סטאָל מאַלטשאַט.
מיקיטקאַ, מיקיטקאַ, א. אז. וו.

ו׳בית-דין של מעלה
טיעביאַ בודיעט זוואַט,
אַ טי בודיעש
חטאתי סקאַזאַט.
מיקיטקאַ, מיקיטקאַ א. אז. וו.

ו׳כף-הקלע
טיעביאַ בודיעט גנאַט,
שיתין פולסי דנורא
טיעביאַ בודוס דאַוואַט.
מיקיטקאַ, מיקיטקאַ א. אז. וו.

ואנחנו ישראל
ניע טאַק, קאַק טי, זשיוויאָם,
מי טאַקיך פראַזודניטשקי,
וואָדאַטשקע פיאָם.
מיקיטקאַ, מיקיטקאַ א. אז. וו.

פיאָם דאַ פיאָם,
פיאָם אי גוליאַיעם,
אי נאַ באָגו
ניע זאַביוואַיעם.
מיקיטקאַ, מיקיטקאַ, א. אז. וו.

ואנחנו ישראל
וואָט טאַק מי זשיוויאָם
מי ס׳פּאָידיאָם ו׳ירושלים
ס׳משיח צדקנו נאַשים צאַריאָם.

מיקיטקאַ, מיקיטקאַ,
קטאָ סטיעביע בודיעט,
כודאָ, כודאָ,
טוואָיע דיעלאָ בודיעט.

---

באַמערקונגען:

1) אַ שמחת-תורה-ליד, וועלכע זינגט זיך אין טשערניגאָווער גוב. (אוקראַינע).

2) וואַר.—מ. קיפּניס.

---

# XVI. מלחמה-לידער.

1*

## ליד פון דער מאָביליזאַציע.

דעם ע-שטן טאָג פון דער מאָביליזאַציע
איז געוואָרן אַ טומל און אַ גרויס געוויין,
דעם צווייטן טאָג פון דער מאָביליזאַציע
זיינען אַלע געשעפטן (וואַר. פאַבריקן) געבליבן שטיין.

גרויסער גאָט, אוי, גאָט אין הימל,
וואָס האָסטו אָנגעשיקט אַזאַ מין שטראָף,
מע נעמט צונויף (וואַר.—דו האָסט צונויפגענומען) אַ וועלט מיט מענטשן,
און מע טרייבט זיי (וואַר.—און דו טרייבסט זיי) ווי די שאָף.

ווי מיר זיינען צום וואָקזאַל געקומען,
אויפן פּלאַצפאָרמע זיינען מיר געבליבן שטיין,
זייט מיר געזונט, מיינע טרייע עלטערן,
גאָט ווייס, צי מיר וועלן קומען אַהיים!

וויי דעם טאַטן און וויי דער מאַמען,
זיי האָבן אויסגעהאָדעוועט אַזאַ פּאַרשוין,
מע טוט אים אָן אין סאָלדאַטסקע קליידער,
און מע הייסט צום פּאָזיציע גיין.

וואַר.—אוי וויי דעם פאָטער, אוי וויי דער מוטער,
וועמ עס האָט אַ זון אַ זאַפּאַסנאָי,
מע טוט אים אָן די סאָלדאַטסקע קליידער
און מע שיקט אים גלייך אין באָי.

ווי מיר זיינען אין וואַגאָן אַריין,
פּראָשטשאַיעט האָבן מיר זיך פאַר די הענט,
איידער מיר זיינען צום פּאָזיציע געקומען—
דריי מאָנאַטן אין איין העמד...

ווי מיר זיינען צום פּאָזיציע געקומען,
זיינען מיר ביי די אָקאָפּעס געבליבן שטיין,
אַ סנאַריאַד איז פאַרביי געלאָפן,
איך ליג שוין עלנט ווי אַ שטיין.
וואַר.
די ערשטע קויל האָט מיר געטראָפן
געבליבן בין איך ווי אַ שטיין.

אין פעלד צו ליגן איז זייער ביטער,
ביטער, מאַמעניו, אוי, ווי דער טויט,
איידער דער סאַניטאַר איז צו מיר געקומען,
טייכן בלוט איז פון מיר אַרויס.

ווי דער סאַניטאַר איז צו מיר געקומען,
אַ פּערעוויאַזקע האָט ער מיר געמאַכט,
וויפיל שמערצן איך האָב פאַרליטן,
איידער מ׳האָט מיר אין לאַזאַרעט געבראַכט.

ווי מ׳האָט מיר אין לאַזאַרעט געבראַכט,
ליגן ליג איך טויט ווי די וואַנט,
איך וואָלט דאָך וועלן אַ בריוועלע שרייבן,
נאָר פעלן פעלט מיר די רעכטע האַנט.

די רעכטע האַנט האָט מען מיר אַראָפּגענומען,
צום פּאָזיציע וועל איך מער ניט גיין,
איך וואָלט דיר וועלן אַ בריוו אָפּשרייבן,
אַז אינגיכן וועל איך קומען אַהיים.

די מאַמע האָט דעם בריוו געלעזן,
געשלאָגן האָט זי זיך קאָפּ אָן וואַנט.
וויפיל טרערן זי האָט פאַרגאָסן,
ווען זי דערזעט דעם זון אָן די רעכטע האַנט.

אָן די רעכטע האַנט איז זייער ביטער,
ביטער, מאַמעניו, אוי ווי דער טויט,
איך וואָלט וועלן אַרויסגיין אין גאַס פאַרדינען
אויף מיין שטיקל טרוקן ברויט.

---

פאַרשריבן אין ווילנע 1921

וואַר. 2**

דעם ערשטן טאָג פון דער מאָביליזאַציע
איז געוואָרן אַ גרויס געוויין,
אויפן צווייטן טאָג פון דער מאָביליזאַציע
זיינען אַלע פאַבריקן געבליבן שטיין.

און וויי צום פאָטער און וויי צו דער מוטער,
וואָס זיי האָבן אַ זון אַ זאַפּאַסנאָי,
מע טוט אים אָן די סאָלדאַטסקע קליידער,
און שיקן שיקט מען אים אין באָי.

און ווי ער איז אויף דער פּאָזיציע געקומען,
דריי מאָנאַטן אין איין העמד;
און ווי ער איז אויף דער פּאָזיציע געקומען,
גלייך האָט דער פייער אים פאַרברענט.

און ליגן ליג איך מיר אויף מיין בעטל,
און טויב בין איך ווי די וואַנט,
כ׳קען אייך שרייבן, מיינע ליבע עלטערן,
אַז פעלן פעלט מיר די רעכטע האַנט.

די רעכטע האַנט פעלן פעלט דאָך מיר,
מיט וועלכע כ׳קען פאַרדינען אַ שטיקל ברויט,
און בעסער מיר דער ליבער
וואָלט אַראָפּגעשיקט אַ יונגן טויט.

און ליגן ליג איך מיר אין דער אָקאָפּע,
און כ׳היט זיך אויס פון אַ יונגן טויט,
די ערשטע קויל האָט מיר געטראָפן,
און געפאַלן בין איך ווי אַ שטיין.

3*

## דער פּריזיוו.

א.

דער 14-טער יאָר איז געקומען,
פאַר אַ זעלנער טן מיר צוגענומען,
דריי טעג אין קאַזאַרמע געלעגן,
און קיין עסן ניט געגעבן.

ב.

דריי זיינען פון פאָלק אַנטלאָפן,
די ערשטע קויל האָט מיר געטראָפן,
ווער וועט גיין נאָך מיין לוויה,
נאָר דער פערדל, דער געטרייער.

ג.

ווער וועט נאָך מיר וויינען און קלאָגן,
ווער וועט נאָך מיר קדיש זאָגן,
צווישן וועלדער, צווישן פעלדער
ליגט דאָרטן אַ געהרגעטער זעלנער.

ד.

מיין מאַמע האָט צום רויטן קרייץ געשריבן,
אַז איר זון איז אין פעלד פאַרבליבן,
גלייכער וואָלט איך נאָך אַמעריקע געפאָרן,
איידער כ׳האָב פאַרשפּילט מיינע יונגע יאָרן

4*

## דער 14-טער יאָר.

דער 14-טער יאָר איז אָנגעקומען,
אוי וויי!

דער 14-טער יאָר איז אָנגעקומען,
האָט מען מיר אין זאַפּאַס גענומען.
אוי וויי!

אין די קאַזאַרמעס זיינען מיר געזעסן,
ניט געטרונקען, ניט געגעסן,
אוי וויי!

אויף די קאַרפּאַטן זיינען מיר געקראָכן,
דער ערשטער קויל האָט מיר געטראָפן,
אוי וויי!

אָך, איר ווילדע, גרינע פעלדער,
איר ליגט באַשאָטן מיט קוילן, מיט זעלנער,
אוי וויי!

איר ליגט באַשאָטן מיט אַ יידישן זעלנער,
אוי וויי!

און דער אויער ביי אים צעריסן,
אוי וויי!

און דער אויער ביי אים צעריסן,
פון זיינע וואונדן טוט בלוט פליסן,
אוי וויי!

ניט קיין אָרון, ניט קיין מיטה,
אוי וויי!

ניט קיין פאָטער, ניט קיין מוטער,
אוי וויי!

ניט קיין פאָטער, ניט קיין מוטער,
אוי וויי!

ווער וועט נאָך מיר קדיש זאָגן,
אוי וויי!

ווער וועט נאָך מיר וויינען און קלאָגן,
אוי וויי!

5*

## אויפן שלאַכטפעלד.

אין אַ ווינטערדיקע נאַכט אַ קאַלטע,
אויפן שלאַכטפעלד שיקט מען מיר אַרויס,
די פאַרסמטע פולע האָט מיר געטראָפן,
געפאַלן בין איך ווי אַ שטיין.

און ווי איך בין ווי אַ שטיין געפאַלן,
אויף מיין בעטעלע האָט מען מיר אַוועקגעלייגט,
צוויי דאָקטוירים מיט אַ סעסטריצע,
זיי ווילן מיר ראַטעווען פון טויט.

ליגן ליג איך אויף מיין בעטעלע.
מיין מאַמע זי קומט דאָך צו מיר,
דער דאָקטאָר האָט אָביאַוועט,
אַז קיינער טאָר ניט צוגיין צו מיר.

ליגן ליג איך אויף מיין בעטעלע,
מיין כלה זי קומט צו מיר,
ליב צו דיין אויער צו מיין הארצן,
וועסטו הערן ווי די פולע ליגט אין מיר.

שטאַרבן שטאַרב איך אויף מיין בעטעלע,
און מיטנעמען וועל איך דיר ניט,
אין דרערד וועט פוילן מיינע ביינער,
און דיר פאַר אַ צווייטן וועט זיין גוט.

וואָס טויג מיר דיר פאַר אַ צווייטן,
אַז דו שטאַרבסט דאָך אַוועק,
דריי יאָר ווי מיר שפּילן אַ ליבע.
דריי יאָר ווי איין טאָג.

6*

## דאָס ליד פון די קאָוונער גרושים.

א.

אין שוסטערסקע קלייזעלע
דאָרט איז אונזער הייזעלע,
דאָרט איז אונזער גאַנצע שטוב.
מיר זיינען פון שטוב פאַרלאָרן
פאַרוואָגלט געוואָרן.
אַזוי ווי אין אַ פינסטערע גרוב.

ב.

עס קומט יעדער טאָג דער שמש,
ער טרייבט אונז צו די מאַמעס
ער שטראָפט און בעט ביי אונז דעם פּאַס.
פאַר אים איז אַ פאַרגעניגן,
ווען ער טוט זיך מיט אונז קריגן,
פאַר אונז איז דאָס אַ בלוטיקער שפּאַס.

ג.

אין קאָמיטעט נאָך די ברויט
עס קומט אָן מיט דעם טויט,
ווען מע פאַרשפּעטיקט אויף 15 מינוט.
מע גיט אייך צו פאַרקלערן,
אַז מע פאַרשפּעטיקט וואָס קען ווערן,
אַז ס׳גיסט זיך אין פּנים דאָס בלוט.

ד.

דו מוזט היטן די צייטן,
אויב דו ווילסט זיין גלייך מיט לייטן,
ווען דו ווילסט זיצן מיט אַלעמען ביים טיש.
דו דאַרפסט אויף קיינעם ניט קוקן,
פאַר קיינעם זיך ניט בוקן,
אַפילו ווען מע טרעט דיר אויף די פיס.

ה.

אין קיך נאָך די זופּ,
עס הערט זיך עס פעלט בולבע, עס פעלט קרופּ,
אַזאַ מזל אויף זיי וואָס פאַר אַ זופּ.
דאָרט האָט זיך איינגעטשעפּעט איינער ווי אַ פּיאַווקע,
גיט מיר אַ ביסל אַ דאַבאַווקע,
דאָרט איז געוואָרן איינעם ניט גוט.

ו.

דאָרט שטייט אונזער שינפאַנפאַנטשיק,
דער אַרויסגעבער פון די מיטאָגן אַבראַמטשיק,
ער שטייט און קלערט וואָס איז דאָס פאַר אַ וועלט,
מען קען קיינמאָל די יידן
ניט שטעלן צופרידן,
אַפילו ווען עס קאָסט ניט קיין געלט.

ז.

ביי רעספּיצענען אין קעלער,
מען קען דאָרט באַקומען אַ פּעלער,
עס רינט און קאַפּעט פון די ווענט,
עס הערט זיך געשרייען,
גיט טיי, רב חיים,
מען רייסט און מען כאַפּט פון די הענט.

---

ליד פון די קאָוונער גרושים געשאַפן געוואָרן אין ווילקאָמיר אין יאָר 1915.

7*

## ליד פון דער צוואַנג=אַרבעט.

(פאַר דער צייט פון די דייטשן).

שילטן שילט איך דעם טאָג פון מיין געבאָרן,
שילטן שילט איך אים גאָר אַצינד,
ניכיי וואָלט מיר מיין מוטער באַגראָבן,
בשעת איך בין געוועזן אַ קליין קינד.

בשעת איך בין אַ קליין קינד געוועזן,
פון אַ שטרעקע מאַכן האָב איך ניט געוואוסט;
היינט, אַז איך בין עלטער געוואָרן,
פון צעשטערקאָווע האָב איך זיך דערוואוסט.

ווי איך בין אין צעשטערקאָווע געקומען,
אין די באַראַקעס האָט מען אונז אַריינגעפירט;
אַזוי האָבן מיר זיך גענומען באַטראַכטן,
אַזוי ווי אַרעסטאַנטן זיינען מיר אַרעסטירט.

אויף מאָרגן פרי טוען מיר גיין צו דער אַרבעט,
דער טאָג ערוואַכט גאַנץ זייער הייס,
ווי מיר האָבן גענומען די לאָרעס שיטן,
אַזוי האָט זיך . גענומען גיסן טייכן שווייס.

ווי מיר האָבן פיר לאָרעס אָנגעשאָטן,
אַזוי זיינען מיר פאַרבליבן שטיין,
דאָ איז אָנגעקומען דער פעטפעבל,
און אַ פּאַוזע מאַכן מוזן מיר גיין.

ווי מיר זיינען אין בודע געזעסן,
— - -
די הארץ האָט אונז פאַרקוועטשט ווי אַ שטיין,
דאָ איז דאָך אָנגעקומען דער פעטפעבל,
אַז צו דער אַרבעט מוזן מיר ווידער גיין.

ווי מיר זיינען צו דער אַרבעט געגאַנגען,
ערד איז פאַראַן זייער פיל,
דאָ איז דאָך אָנגעפאָרן דער פעטפעבל,
אַז 18 ליאָרעס איז אייער ציל.

אויף מאָרגן פרי איז אַ רעגן און אַ בלאָטע,
און די 18 לאָרעס מוז פול זיין,
גאָט דו ליבער, גאָט דו טרייער,
ווי קענסטו צוזען פון אונז דעם פּיין.

אויב די שטרעקע וועט פאַרטיק ווערן,
אייזנבאַן וועט זי ווי אַ זיידן קלייד,
און מיר וועלן ליגן אין די בעטלעך קראַנקע
און ראַנגלען יועלן מיר זיך מיטן טויט.

אויב מיר וועלן אַמאָל שטאַרבן,
פירן וועט מען אונז פאַרביי דעם הויפטמאַנס טיר,
אַ צוויי דריי טריט וועט ער אונז באַגלייטן
און אומקערן וועט ער זיך אויף זיין קוואַרטיר.

ווילנע 1920.

8

## אַ ליד פון צוואַנג=אַרבעט.

דאָרט אין ניישטאָט אין די באַראַקן.
דאָרט ליגט דער צוואַנגס-אַרבעטער און וויינט,
צו זיין גרויסן אומגליק איז ניטאָ קיין גלייכן.
ווייל זיין הארץ איז אין אים פאַרשטיינט.

ווי מען האָט אים פון זיין היים אַרויסגעטריבן,
און קיין ניישטאָט אין פלען געבראַכט,
צובראָכן זיין הארץ און זיינע געפילן,
און פון זיין קערפּער איין סקעלעט געמאַכט.

ער לייגט זיין קערפּער אויף די הארטע נאַרע,
וועלכע ס׳דריקט זיינע ביינער אויס,
צי זאָל ער אַרומגיין, קען ער אויף די פיס ניט שטיין,
„אַך לוס!“ שרייען די מערדער—„צו דער אַרבעט“,
איר וואָס פרעסט אונזער זאַלץ און ברויט.
אַך, ווי קאָנען מיר צו דער אַרבעט גיין,
ווען מיר שפּירן שוין דעם טעם פון טויט.

היימאַט, היימאַט, מיין פאַמיליע,
ווי קענט איר מיר פון זינען אַרויס.
ביי מיין טרינקען און עסן קאָן איך אייך ניט פאַרגעסן,
ווייל מיין הארץ איז אין מיר פאַרשטיינט.
אַך, ווען וועט שוין די זון פאַר אונז אויפשיינען,
און ווען וועלן מיר קענען פון פלען אַרויס,
די זון זי וועט פאַר אונז אויפשיינען,
און ווען וועלן מיר קענען פון פלען אַרויס,
די זון זי וועט פאַר אונז אויפשיינען,
און ווען וועלן מיר שוין קאָנען די היימאַט זען.

עמלקים איר טיראַנען,
וועלכע האָבן אונזער פרייהייט גערויבט,
פאַרניכט זאָל ווערן זייערע לענדער,
און צושמעטערט זאָל ווערן
זייער קייסערס קרוין.

אַדעלמאַן.

9*

## דער דייטשל.

אַז גאָט וועט געבן עס וועט זיך ענדיקן די מלחמה,
עס וועט זיך עפענען פאַר מיר אַלע וועגן,
אוי אין שטאַמבל*) מאַמע וועל איך אַוועקפאָרן,
איך וועל געפינען ביי מיין ווייבל אַ פאַרמעגן.

און ווי איך בין אין שטאַמבל געקומען,
בין איך געבליבן שטיין ביי דער באַן,
אוי, אַ גוטער ברודער האָט מיר באַנעגנט,
מיין ווייבל האָט אַ דייטשל פאַר אַ מאַן.

און ווי איך בין צו איר אַריינגעגאַנגען,
אַזוי בין איך געבליבן שטיין ביי דער טיר,
אוי, די יעגער מיט די די דינער טוען כרעגן, וואָס וויל דער אָרימאַן פון איר.

אין ווי איך בין צו איר צוגעגאַנגען,
אַזוי האָב איך איר ניט דערקענט.
אוי, זי וואַרפט זיך אין די זיידענע כאַלאַטן,
און גאָלד און זילבער טראָגט זי אויף אירע הענט.

טו, קום אַהער, דו קעצעלע מיינע,
צי דען האָסטו פאַר מיר אַזוי פיל געליטן,
און דריי יאָר אין די אָקאָפּעס אָפּגעלעגן,
און פאַר אַ דייטשל האָסטו מיר פאַרביטן.

אויף כפּרות דאַרף איך דיר מיט דיין דייטשל,

---

*) ניט דייטלעך.

פאר אן ערנטלעכע וועל איך אויס-
לעבן מיין וועלט׳
אוי, איך קוק שוין ניט אויף דיינע
קליידער׳
איך דארף שוין ניט דיין געלט.

## XVII. פארשיידענע.

1*

בין איך מיר א יידעלע ווי אלע יידן,
בין איך מיר א יידעלע מיט אלעמען
גלייך,
בין איך מיר א יידעלע מיט זיך
צופרידן׳
סיי בין איך ארים׳ סיי בין איך רייך.

2**

בארא̈ן בארא̈ן׳
צען קישקעס נדן׳
א טלית און קיטל
א פארך אונטערן היטל.
אסיפאוויטש, מינסק. גוב.

3*

בתולה נשאת,
גיב א פלאש!
נאר איננאנצן
לאמיר טאנצן,
לאמיר זינגען׳
לאמיר שפרינגען,
ביזן העלן טאג׳
דער רבי זאגט—
מע מאג!
מערעטש 1913

4*

צווישן בערג און טאלן
שטייען צוויי וואגשאלן
און מאלן און מאלן׳
א גאנצע נאכט
ביז זייגער אכט.
גייען צו באזאכט
צוויי שקצים
אנגעטאן ווי פריצים׳
אין מייטקעס שמאלע׳
מיט א קורצע פאלע
און מאכן א התחלה
אויף א פולע פלאש
פול מיט י״ש.
א קלעצל אריין׳
א קלעצל ארויס׳
די מעשה איז אויס.
מערעטש 1912.

5*

וויל איך עסן,
עסט מיין ווייב,
וויל איך טרינקען,
טרינקט מיין ווייב,
א. אז. וו.
. . . . . . . . . .
מערעטש, ווילנער גוב. 1912

6*

צוואנציק קאפיקעס האב איך,
און צען וועל איך לייען,
מיר וועלן נעמען א „זוראשטשיק״
און וועלן זיך „קאטאיען״.

7*

אין טראקטיר איז אויך פיל בעסער,
עס קומען אן זויפער, פרעסער,
מ׳עסט קאטלעטן, בראנפן, ביר
און באצאלן — איז דורכן הינטערטיר.
ש. שאראפאן.

8*

איך דארף אין טעאטער ניט לויפן
איך דארף קיין בילעטן ניט קויפן,
איך גיי ארײן צו זיך אין שטוב
האב איך א טעאטער:
איין קינד קריטשעט,
דאס אנדערע קוויטשעט,
איך האב זיך אן אייגענעם טעאטער.

ביזטו, מיין קינד א זאטער—
טא זעץ זיך תהילים זאגן,
וואס דארפסטו דעם טעאטער?
זאל ער גיין מיט אלדע קלאגן.
מ׳נעמט א יידישע שטוב
און מ׳רייסט אראפ די מזוזות,
און מ׳גיט א נאמען קלוב
און מ׳זיצט מיטן היילן קאפ.

9*

— חיה שרהלע, חיה שרהלע,
וואו ביסטו געוועזן?
— איך בין געוועזן אין גארטן.
— חיה שרהלע, חיה שרהלע,
וואו ביסטו געוועזן?
— איך האב געשפילט מיט משה
מאטקען אין קארטן.
. . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . .
דאמבראוויץ, וואל. גוב.
מ ו ש ע ר.

10*

אמאל איז בעגאנגען א יידענע דורכן
טויער,
האט זי פארלארן א קאשיק מיט
אייער,
זי איז בעגאנגען און בעקלאגט
און קיינעם האט וועגן איר ניט
געארט,
דערנאך האט זי זיך פונאנדערגע-
לאכט,
טרא לא לא לא לא לא לא לא.

אוי, איר מיידעלעך, איר ליידאטש-
קעס,
גיט מיר אפ מיינע פיינע צאצקעס,
טרא לא לא לא לא לא לא לא.

איך קען דיר שווערן אויף מיינע
נאמנות,
אז דעם רבינס יינגל איז געלעגן
קראנק אין טויט סכנות,
איך קען דיר שווערן אויף מיין
געזונט,
אז מיין ליבער קינד איז שוין גע-
זונט.
. . . . . . . . . . .

11**

גייט א מיידעלע גאנץ באזאכט,



איינס, צוויי, דריי—
טירלאי!
. . . . . . . . . .
און דאר איז זי ווי א שפאן,
און אין בוזים טראגט זי קליידער אן,
איינס, צוויי, דריי—
טידלאי!
. . . . . . . . . .

12***

די קצבטע פון יאטקע
האט א מיידל ביילקע,
טראגט זי א רויטע קליידל
מיט א רויטע פאטשיילקע.
— הער, ביילקע, איך וועל דיר
עפעס פרעגן,
יוער איז דער בחור, וואס שטייט
אנטקעגן?
בעהערט פון לאה תם.

13

### „פאלקע באבאצקע״.

(די יידישע ווערטער פון דעם טאנץ)
צו חוקען. זאגט די מאמע:
וואס ביסטו מיר געווארן פאר א
דאמע,
דו גייסט ארום שפאצירן
מיט פרעמדע קאוואלירן,
חוקע די מערזאווקע,
מיט די שליאפקע אן א זייט,
דו גייסט ארום שפאצירן דוקא
מיט פרעמדע יונגע לייט.
סאניע כץ.

14*

### פאלקע טאנצן.

פאלקע טאנצן בין איך גערן,
האב איך ניט אזעלכע הערן,
אזעלכע הערן זא ווי דו,
טרעט איך מיטן קנאפל צו.
הערן, וואס גייען ווייסע האנטשן,
מיט די גיי איך א פאלקע טאנצן.
ווצר. א—ן „פנקס״ 1—6

15*

ביי דעם עסן גיב איך א שטאך,
ביי דעם טרינקען אודאי,
איך לעב מיר אפ די גאנצע וואך
מיט דער שענסטער מאדע.
. . . . . . . . . . .

16*

א.
קוקורעקו איז א האן,
ווי די מעשה הויבט זיך אן,
אייכא ניעקאווא,
טשארנא יאסנא האלקא,
טשיסטא מאיא פאלקא.
ב.
טאטע מאמע, קויף א פאן,
וועלן מיר טאנצן אין איין קאן,
אייכא ניעקאווא,
טשארנא יאסנא האלקא,
טשיסטא מאיא פאלקא.

17*

### ארויס א נייע מאדע..

ארויס א נייע מאדע
זיידענע טיכלעך אויפן האלז,
די לייטישע מענטשן טאר מען ניט
גלויבן,
זיי זיינען אלע פאלש.
. . . . . . . . . .
. . . . . . . . . .
ווצר. ד. א—ן 7 „פנקס״ ]

18*

ווילסטו זיין א זאטער,
טא זעץ זיך תהלים זאגן,
ווילסטו גיין אין טעאטער,
טא גיי מיט אלדע קלאגן!

19*

האפ טשיק בריינע,
איך האב צו דיר א טענה,
דו ביסט ניט מיינע,
איך בין ניט דיינע!
שלום עליכם, „יאסעלע סאלאוויי״
ווצר. „כהן״

20

געיטע, שילער אונט איך,
ווי פאסט זיך דאס צוזאגן?
געיטע שריב שיינע געדיכטע,
שילער שריב שיינע געשיכטע,
און איך האב שיינע געזיכטע.
בארנשטיין, קראקע.

בעהערט פון א 42 יאריקער
יידישער פרוי.
די אנגערופענע דייטשע שריפט-
שטעלער זיינען זייער פאפולער אין
גאליציע.

21*

איך קען א מיידעלע יענטע,
זי האט א שמאלע פענטע,
זי דרייט זיך הין און הער,
מע רופט איר סענטע קלער.

22

וואס לעב איך אויף דער וועלט,
פינף דעם זייגער פארטאג
בין איך צו די וואסער בעשטעלט.
פול די כלים וואסער,
אז די רייפן פאלן אראפ.
סטייעט פאר איינעם קיין וואסער ניט,
קריג איך אין קאפ.
לונסקי.

23***

### א שמחת–תורה קדיש.

(צו זינגען מיטן ניגון פון קדיש
של׳ נעילה)
אז מיר וועלן גוט זיין
און מיר וועלן פרום זיין,
וועט מען אונז ניט שמייסן.
אבער אז מיר וועלן ניט גוט זיין
און ניט פרום זיין,
וועט מען אונז יע שמייסן.
דעריבער מוז מען גוט זיין
און פרום זיין
מע זאל ניט שמייסן
געהערט פון אליעזר כץ
סמארגאן, ווילנ. גוב.

### 24***

(אַ ווילנער לידל, וואָס די קאַטעפּרינשטשיקעס פלעגן אַמאָל שפּילן אויף די הויפן).

הערס אויס ברײַנע,
איך האָב צו אײַך אַ טענה,
אַז איר צאָלט ניט קיין דירה געלט,
איז די דירה מײַנע.

גייט אַרײַן דער באַלעבאָס,
נעמט אַראָפּ די שליאַפּע,
אַז מע צאָלט ניט קיין דירה-געלט,
וואַרפט מען אַרויס די קאַנאַפּע.

דירה-געלט,
דעם באַלעבאָס דירה-געלט,
דעם סטאַסאָוואָי דירה-געלט,
דעם גאָרדאָוואָי דירה-געלט
מוז מען צאָלן.

וואר.—כּהן.

### 25*

## שנײַדערל.

בין איך מיר אַ שנײַדערל אַ גוטער,
ניי איך מיר און ניי אַ פוטער,
דריי איך מיר אַהער, דריי איך מיר אַהין,
נעם איך אַ האַלב אַרשין.

בין איך מיר אַ שנײַדערל אַ גוטער,
ניי איך מיר און ניי אַ פוטער
כ'נעם אַרויס די גוטע וואַטע,
ניי אַרײַן אַן אַלטע שמאַטע.

(פאַרשריבן בײַ די ווילנער קינדער, וואָס זײַנען געווען אין וואַרשעווער אינטערנאַט).

### 26****

אַ שמײַסער אַ דיקער,
אַ גרויסער שכּור,
איז אין וואַרשע געפאָרן,
האָט ער דעם וואָגן פאַרלאָרן.
איך בין אַ בעל-עגלה,
איך קלאָג מיט אַ יללה,
וואָס מ'האָט מיר די פּרנסה גענומען,
מסתּמא בין איך ווערט,
עס איז מיר באַשערט.

### 27

ווי עס קומט נאָווירעק,
געוואָרן בראַנפן אַכט גראָשן אַ קרוטשאַק,
עס קאָכט אין די גאַסן ווי אין אַ קעסל,
יעדערער געלאָפן מיט אַ פלעשל.

### 28****

## אויף די גלעזלעך בראַנפן.

אויף די גלעזלעך בראַנפן מאַכן מיר „ברוך״,
אַזוי שטייט דער דין אין שלחן ערוך.

אויף די גלעזלעך בראַנפן מאַכן מיר „אתּה״,
בראַנפן האָט געטרונקען אברהם אונזער טאַטע.

אויף די גלעזלעך בראַנפן מאַכן מיר „אדיישעם״,
ווער וואָס טרינקט ניט קיין בראַנפן,
זאָל זיצן אין אַ קאַלײשעם.

אויף די גלעזלעך בראַנפן מאַכן מיר „אלהינו״,
בראַנפן האָבן געטרונקען אונזערע אָבות אבותינו.

אויף די גלעזלעך בראַנפן מאַכן מיר „מלך״,
בראַנפן האָט געטרונקען אינזער זיידע מתושלח.

וואר. ג. מ. 370.

### 29**

אויף דער גלעזלעך בראַנפן
מאַכן מיר „ברוך אתּה״;
ווער עס טרינקט שמחת-תּורה קיין בראַנפן ניט,
איז דאָך אַ שוטה.

אויף דער גלעזלעך בראַנפן
מאַכן מיר „ה' אלהינו״;
אַזוי האָבן אונז געהייסן
אונזערע אבות אבותינו.

אויף דער גלעזלעך בראַנפן
מאַכן מיר „מלך״;
אַזוי האָט אונז געהייסן
דער זיידע מתושלח.

אויף דער גלעזלעך בראַנפן
מאַכן מיר „העולם״
ווער עס טרינקט שמחת-תּורה קיין בראַנפן ניט,
איז אַ ליימענער גולם.

אויף דער גלעזלעך בראַנפן
מאַכן מיר „שהכּל נהיה בדברו״
ווער עס טרינקט שמחת-תּורה קיין בראַנפן ניט,
טויג אויף אַ כּפּרה.

וואר. ג.—מ.

### 30*

## ליד פון דער משקה.

משקה לאָמיר טרינקען, ברידער,
מיר זאָלן זוכה זײַן צו טרינקען ווידער,
לאָמיר ברידער טרינקען משקה,
מיר לעבן נאָר פון איר לאַסקע.

ווען די משקה וואָלט אונז געפעלט,
וואָס וואָלטן מיר געטויגט אויף דער וועלט,
די משקה טו איך ערלעך האַלטן,
איך שטיי פאַר איר ווי פאַר אַן אַלטן.

ווײַל זי האָט געקענט מײַן עלטער-באָבן,
די באָבע פלעגט דאָס אויך ליב האָבן,
ווען דער שדכן איז געקומען צו מײַן זיידן,
דעם טאַטן מיט דער מאַמען אַ שידוך ריידן.

מ'האָט גערעדט און גערעדט און ס'איז געוואָרן גישט,
ביז וואַנען די משקה האָט זיך ניט אַרײַנגעמישט.
צוליב דער משקה איז דער שידוך געוואָרן געשלאָסן,
דער טאַטע איז געוואָרן דער מאַמעס אַ חתן.

פון ביידע צדדים איז נדן געווען,
צען טעפּ משקה מיט אַ גילדן צען.
מ'האָט באַלד די חתונה געמאַכט,
מ'האָט געטרונקען משקה אַ גאַנצע נאַכט.

צוליב דער משקה האָט דער טאַטע די מאַמען גענומען,
און צוליב דער משקה בין איך אויף דער וועלט געקומען.

איך געדענק אויף מײַן ברית,
איז די משקה ניט אַראָפּ פון טיש.
אַלע האָבן געשריען מזל טוב,
דאָס קינד זאָל לעבן און זײַן אַ רב,
דעריבער טרינק איך אַ רוב כּוס,
דאָס רוב טרינק איך גאָר אָן אַ מאָס.

בשעת מ'האָט מיר אָנטווייַנט פון מײַן מוטערס ברוסט,
האָב איך צו משקה געקראָגן אַ לוסט,
איך האָב שוין ניט געוואָלט עסן די מאַמעס קאַשקע,
איך האָב נאָר געוואָלט טרינקען משקה.

צו מײַן בר-מצווה האָט מען מיר געהייסן טרינקען אָן אַ שיעור,
ווײַל די מצווה איז דאָס די גרעסטע,
צו טרינקען משקה נאָר דאָס בעסטע.

ווען איך טרינק מיר אויס אַ גלעזל דרײַ,
דאַן בין איך פון אַלע מצוות פרײַ,
ווען מ'וויל מיר פאַר עפּעס שטראָפן,
זאָג איך, איך בין נאָך ניט אויסגעשלאָפן.

בשעת מ'האָט מיר צו דער חופּה געבראַכט,
— וואָס דאַרף איך די צרה? — האָב איך געטראַכט.
מ'האָט באַלד די משקה געבראַכט צו טראָגן,
די זיבן ברכות אויף משקה צו זאָגן.

זאָג מיר, דו משקה, די קלוגע דבורים,
שטיי רואיק בײַ דער חופּה און האָב ניט קיין יסורים,
ווען דײַן ווײַב פאַרדרייט דעם גאָז,
טרינק נאָך אויס אַ גרויסע גלאָז.

ווען דײַן ווײַב גיט אַ געשריי,
טרינק נאָר אויס איינס און צוויי.
זאָל זי שרײַען און ניט אויפהערן,
דו זאָלסט די משקה אַרײַנקערן.

אָט אַזוי איז אויך פאַרצײַטן געווען,
וואָרים דער עץ-הדעת איז אַ ווײַנשטאָק געווען,
חוה האָט אדמען אײַנגערעדט,
אַז טרינקען משקה איז ניט קיין חטא.

ווען אדם וואָלט חלילה חוהן ניט ליבן,
וואָלט ער איר באַלד אַרויסגעטריבן,
ווען עס איז די צײַט ניט גוט,
טרינק נאָר משקה און פאַרליר ניט קיין מוט.

מיר האָבן דערציילט אַלטע לײַט,
אַז גוט וועט נאָך זײַן אין משיחס צײַט,
די משקה וועט זײַן פאַר אָרים און רײַך,
די משקה וועט זײַן אין יעדער טײַך.

איך האָב ליב די משקה מיט איר זיסן לשון,
אמת, איך גיב פאַר איר מײַן לעצטן גראָשן,
נאָר זאָל שוין זײַן ווי עס איז,
איך וויל טרינקען משקה און צאָלן אַקציז.

אָ, זאָל די משקה ווי טײַכן וואַסער לויפן,
איך קען מיר די משקה אין רעסטאָראַן קויפן,
די מצווה פון דער משקה בין איך תּמיד מקיים,
און מאַך מיר אַלע ווײַלע לחיים! לחיים!

דורך משקה ווערט יעדערער שטאָלץ און פריילעך,
פון אַן אונטער שמש ווערט אַ מלך,
דורך משקה האָט לוט גענומען זײַנע טעכטער,
און האָט געמאַכט פאַר דער וועלט אַ געלעכטער.

### 31****

ברוך אלהינו שבראנו לכבודו
טוען מיר אַלע טאָג באַנײַען,
אַ גאַנצע וואָך האָרעווע איך דאָך
און אויף שבת בײַ איך לײַען.

און צו לײַען און צו לײַען און צו לײַען,
אַבי ניט בײַ אַ דלפון,
אָן ברויט קען מען זיך באַגיין
אָבער ניט אָן בראַנפן.

און די בראַנפן און די בראַנפן און די בראַנפן,
דאָס איז מײַן נחמה,
אַז איך מאַך אַ שנאַפּס נאָך אַ שנאַפּס,
דערקוויק איך מײַן נשמה.

און די נשמה און די נשמה און די נשמה,
זאָל זײַן בײַ מיר אינגאַנצן,
אַז איך מאַך אַ שנאַפּס נאָך אַ שנאַפּס,
בײַ איך אַוועק טאַנצן.

און צו טאַנצן און צו טאַנצן און צו טאַנצן,
און דערצו טו איך טויגן,

אַז איך מאַך אַ שנאַפּס נאָך אַ שנאַפּס,
עפנט זיך ביי מיר די אויגן.

און די אויגן און די אויגן און די
אויגן,
זאָל זיי ניט שאַטן קיין עין-הרע,
אַז איך מאַך אַ שנאַפּס נאָך אַ שנאַפּס,
מאַך איך שהכל נהיה בדברו.

און שהכל און שהכל און שהכל,
אַבי ניט אויף מים,
אַז איך מאַך אַ שנאַפּס נאָך אַ שנאַפּס,
זאָג איך מיר לחיים.

---

באַמערקונגען:
1) ס'זינגט זיך אין מאָהיליעווער
גוב. (ווייסרוסלאַנד).
2) געהערט פון אַ בעקומענעם
פון אוקראַינע.

32*****

אַז דער רבי אלימלך איז געוואָרן
זייער פריילעך,
איז געוואָרן זייער פריילעך אלימלך;
(דריי מאָל)
האָט ער אויסגעטאָן די תפילין, און
האָט אויסגעווישט די ברילן
און געשיקט נאָך די פידלער די צוויי.
און אַז די פידלענדיקע פידלער
האָבן פידלענדיק געפידלט,
האָבן פידלענדיק געפידלט האָבן זיי.
(צוויי מאָל)

אַז דער רבי אלימלך און אַז. וו.
האָט ער אויסגעטאָן דעם קיטל און
האָט אָנגעטאָן די היטל
און געשיקט נאָך די צימבלער
די צוויי.

און אַז די צימבלענדיקע צימבלער
האָבן צימבלענדיק געצימבלט
האָבן צימבלענדיק געצימבלט האָבן זיי.
(צוויי מאָל)

אַז דער רבי אלימלך און אַז. וו.
האָט ער אָפּגעמאַכט הבדלה און דער
שמשל נפתלי
איז געגאַנגען נאָך די פייקלער די צוויי.

און אַז די פייקלענדיקע פייקלער
האָבן פייקלענדיק געפייקלט
האָבן פייקלענדיק געפייקלט האָבן זיי.
(צוויי מאָל).

---

באַמערקונגען:
1) דערצו איז פאַראַן זייער אַ
שיינע מעלאָדיע.
2) באַקומען פון איינער אין
ראַטן-רוסלאַנד אין יאָר 1921.

33*****

ווי גאָט האָט באַשאַפן
הימל און ערד,
אַזוי האָט ער באַשאַפן
גראָז אויף דער ערד.

ווי ער האָט באַשאַפן
גראָז אויף דער ערד,
אַזוי האָט ער באַשאַפן
אָדמען אויף דער וועלט.

ווי ער האָט באַשאַפן
אָדמען אויף דער וועלט,
אַזוי האָט ער אים געלאָזן
אויפן פרייען פעלד אליין.

ווי ער האָט אים געלאָזן
אויפן פרייען פעלד אליין,
אַזוי האָט ער אויסגעשניטן
זיין פרוי חוה פון זיין ביין.

ווי גאָט האָט אויסגעשניטן
זיין פרוי חוה פון זיין ביין,
אַזוי האָט זי אָנגעהויבן
צו שפּילן און צו לאַכן.

ווי זי האָט אָנגעהויבן
צו שפּילן און צו לאַכן,
האָט זיך אָדם אָנגעהויבן
פון שלאָף אויפצוואַכן.

אָדם דו ליב,
אָדם דו מיין,
קום, לאָמיר גיין
אין גן-עדן שפּאַצירן אַריין.

ווי זיי האָבן אָפּגעשלאָסן
דעם ערשטן שליסל,
האָבן זיי דערזען
אַן עפּל אַ זיסן.

ווי זיי האָבן פאַרזוכט,
ווי דער עפּל איז זיס;
אַזוי האָבן זיי פאַרשטאַנען,
ווי נאַקעט זיי איז.

איז גאָט אַראָפּ
מיט גרויס ברומען:
—אַך דו בייזער אָדם,
ווי טוסט זיך דאָ געפינען?
דערפאַר זאָלסטו דיין ברויט שווער
פאַרדינען.

גאָט דו ליב
גאָט דו מיין,
ניט איך בין שולדיק,
מיין פרוי חוה רעדט מיר איין.

איז גאָט אַראָפּ
מיט גרויס ברומען;
—אַך דו בייזע חוה,
ווי טוסט זיך דאָ געפינען?
דערפאַר זאָלסטו דיינע קינדער שווער
געווינען.

34

דאָרטן אין טורמע הינטער די גראָבע
ווענט
זיצט נעבעך אַ מאַן איינער אליין,
די קאָפּ אָנגעשפּאַרט אונטער די
דאַרע הענט
און ער זינגט אַ ליד, וואָס די
האַרץ קען צוגיין.
אוי, די פרייע וועלט איז פאַר אים
פאַרשטעלט,
ער קען ניט אויפן גאַס אַרויסגיין,
דער הייליקער גייסט, ער לאָזט אים
ניט רוען
אפילו אין קאַרצער אויך.
שטענדיק קומט ער צו אים צופליען
און צומישט אים זיינע רעיונות מיט
זיין מות.

. . . . . . . . . . . .

שטעל איך זיך מיט מיין גייסט-
לעכער שטימע

. . . . . . . . . . . .

פראַסטראַנסטוואָ איז פאַר אים צו קליין,

. . . . . . . . . . . .

צום עשאַפאָט וועל איך גיין.

---

אַ ברוכשטיק פון אַ ליד.
וואַריאַנטן אין דער זאַמלונג „אַר-
בעט און פרייהייט" פון ש. לעמאַן
אָפּט. VI.

# באַמערקונגען.

קינדער-לידער (שפּילן נומ׳ 13) „שעפּסעלעך"—די שפּיל איז ניט פאַרענדיקט.

ליבע-לידער נומ׳ 7 — וואַר. מ. קיפּניס. די לעצטע צוויי פערזן זיינען אין קיפּניסעס זאַמלונג ניטאָ.

" " נומ׳ 4 — וואַר. פון ערשטן פערז ביי ג. מ. נומ׳ 211.

" " נומ׳ 9 — וואַר. צו דער צווייטער העלפט פון ג—מ נומ׳ 229.

אַרבעטער-לידער נומ׳ 4 — ווי מ'האָט אונז שפּעטער איבערגעגעבן, איז דאָס דאָזיקע ליד ש. אַנ—סקיס אַ איבערזעצונג פון פראַנצויזיש.

אַרעסטער-לידער נומ׳ 5 — ברוך שולמאַן איז געווען אַ מיטגליד פון דער פּ. פּ. סישער באָיובקע. אין דער צייט פון דער ער-שטער רוסישער רעוואָלוציע, ווען פוילן האָט זיך נאָך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון דער רו-סישער צאַרישער רעגירונג האָט ברוך שולמאַן דער-הרגעט דעם פּאָליציימייסטער קאָנסטאַנטינאָוו, וואָס געווען באַרימט מיט זיין אכזריות. זע די וואַריאַנטן פון דעם ליד אין דער זאַמלונג פון ש. לעהמאַן „אַרבעט און פרייהייט".



